**JANUARY 1918**

ארבייטער רינג

# פריינד

## אינהאלט



D. Foshko

OFFICIAL ORGAN OF THE WORKMENS CIRCLE



# THE FRIEND

OFFICIAL ORGAN OF THE WORKMEN'S CIRCLE
Published Monthly

Office of Publication:
62 Van Buren St. Passaic, N. J.
General Office:
175 E. Broadway, New York, N. Y.

Subscription Rates:
Per Annum, 50c. Six Months, 25c.
Single Copy, 5 cts.

Entered as second class matter April 21, 191 1, at the Post Office at Passaic, New Jersey, under the Act of July 16, 1914.

THE FRIEND



דער פריינד

Vol. IX — JANUARY 1918. — No. 1

# פון מאָנאַט צו מאָנאַט

**גאָלדענע בלעטער.** יעדע ביישטייערונג פון ניט ווייניגער ווי א דאָלאר, וואָס וועט אריינגעשיקט ווערען אין אָפיס פון ארבייטער רינג פאר די אידישע מלחמה קרבנות, וועט קוויטירט ווערען אויסער אין „פאָרווערטס“, אויך אין דעם ספּעציעלען נומער „פריינד“, וואָס מיר וועלען ארויסגעבען פאר דעם הילפס־טאָג, וואָס דער ארבייטער־רינג האָט ארראנזשירט אנשטאָט דעם סאַניטאַריום טאָג. מיר ווילען האָבען פאר דיעזע קוויטירונגען א בעזונדערע אָבטיילונג אונטער דעם נאָמען „גאָלדענע בלעטער“, און מיר ווילען האָפען, אז אלע אונזערע בראַנטשעס און יעדער פון אונזערע מיטגליעדער, וואָס האָט נור די מעגליכקייט, וועט זאָרגען צו זיין פערטראָטען אין ריעזער אָבטיילונג. דער ספּעציעלער נומער „פריינד“ וועט ארויסגעגעבען ווערען אין אַ שעהנעם פאָרמאַט, מיט א רייכען אינהאַלט און וועט טראָגען דעם כאראקטער פון א סאָוועניר־נומער.

אונזערע מיטגליעדער ווייסען שוין פון רעם בעשלוס פון דער עקזעקוטיווע, אז דער סאַניטאַריום טאָג פון היי־יאָהר זאָל פערוואַנדעלט ווערען אין א הילפסטאָג פאר אונזערע אונגליקליכע שוועסטער און ברידער אויף יענער זייט ים. מיר זיינען זיכער, אז די מיטגליעדערשאַפט פון ארבייטער רינג האָט דיעזען בעשלוס אויפגענומען מיט דער גרעסטער צופריעדענהייט. דער סאַניטאַריום טאָג איז ביי אונז אימער געווען א טאָג פון הילף פאר מלחמה קרבנות, פאר די קרבנות, וואָס זיינען געפאלען אין דער מלחמה פון לעבען אין אונזער קאפּיטאליסטישע געזעלשאַפט. מיר האָבען אונזערע קרבנות געשטיצט און געהאָלפען. מיר האָבען געטהאָן און טהוען איצט אלעס וואָס איז אונז מעגליך צו ראַטעווען זייער לעבען. מיר גיבען זיי ניט קיין נדבות, מיר גיבען זיי וואָס מיר דארפען און מוזען זיי געבען. מיר גיבען זיי, וואָס עס קומט זיי, וואָס מיר זיינען זיי שולדיג.

אַן אמת'ער הילפּס־טאָל, א טאָג פון ברידערליכע הילף וועט זיין דאָס יאָהר אונזער סאַניטאַריום טאָג, ווען מיר וועלען אויסשטרעקען אונזער ברידערליבע האַנד צו די אונגליקליכע און עלענדע, צו די הונגעריגע און דאַכלאָזע אויף יענער זייט ים, צו די קרבנות פון דער גרויכער וועלט־קאטאסטראָפע, וואָס האָט געבראַכט אונענדליבע ליידען, רואין און פערניכטונג פאר מיליאָנען און מיליאָנען.

עס איז ניט נויטיג צו בעשרייבען די נויט. דער הונגער־געשריי פון אונזערע אונגליקליכע ברידער און שוועסטער דערגרייכט צו אונז פון יענער זייט ים און פילט אָן מיט שרעק אונזערע הערצער. עס איז א געשריי וואָס שפּאַלט הימלען. א געשריי פון קינדער, וועלכע געהען אוים פון הונגער, א יאָמער־געוויין פון מאַמעס, וואָס זייערע עופה'לעך שטארבען אין זייערע אָרעמס פון הונגער און קעלט.

עס איז נויטיג הילף. מיר מוזען העלפען. יעדע אידיישע אָרגאַניזאַציאָן האָט ביז איצט געטהאָן איהר פליכט. דער ארבייטער רינג האָט זיך ביז איצט אויסגעצייכענט פון אלע אנדערע אָרגאַניזאַציאָנען מיט זיין הילף און פרייגעביגקייט פאר די אידישע מלחמה קרבנות, און ער מוז עס ווייטער טהאָן. די נויט איז געוואָרען גרעסער און די הילף מוז ווערען גרעסער.

זאָלען דעריבער די מיטגליעדער פון ארבייטער רינג, וועלכע האָבען ביז איצט געמאַכט אזוי ערפאָלגרייך די אונטערנעהמונגען פון זייער אָרדען צו העלפען די אידישע מלחמה קרבנות אויך זאָרגען, אז די איצטיגע אונטערנעהמונג זאָל געקרוינט ווערען מיט ערפאָלג. זאָל יעדער טהאָן זיין פליכט, זאָל יעדער האָבען אין זינען, אז אידגענד וועלכע הילף, וואָס ער וועט ברענגען מיט זיין געלד און מיט זיין ארבייט קען ראַטעווען א מענשען פון הונגער־טויט, זאָל יעדער האַלטען די הילפס־ארבייט פאר הייליג און דער ערפאָלג וועט זיין א זיכערער. אלע קרעפטען, אלע מעגליכקייטען דארפען אָנגעשטרענגט ווערען, אז דער סאַניטאַריום טאָג פון יאָהר 1918 זאָל בלייבען א גרויסער טאָג פון הילף אין ארבייטער רינג. זאָל זיין גרוים די צאָהל פון די „גאָלדענע בלעטער“, זאָלען אין זיי וואָס מעהר נעמען פערשריבען ווערען, זיי וועלען בלייבען אלס גאָלדענע בלעטער אין דער געשיכטע פון ארבייטער רינג.

---

**אונזער מעמבערשיפּ קעמפּיין.** דעם 15טען דעצעמבער האָט זיך אָנגעפאַנגען אונזער קעמפּיין פאר 10 טויזענד נייע מעמבערס ביז'ן קאָנווענשאָן. דער קעמפּיין וועט זיין א לעבעדיגער. ער מוז זיין ערפאָלגרייך. ער מוז ברייגגען די ערוואַרטעטע רעזולטאַטען. די בראַנטשעס האָבען איהם אויפגענומען מיט בעגייסטערונג. זיי האָבען שוין געמאַכט אלע נויטיגע פאָרבערייטונגען און איצט וועט געטהאָן ווערען די ריכטיגע ארבייט. מיר מוזען פערשטארקערן אונזערע רייהען. מיר מוזען פערגרעסערען די רעוואָלוציאָנערע ארמעע. מיר מוזען זיין דיסציפּלינירט און גרייט אויף אלעס. די רעאַקציאָנערע כוואַליעס שטייגען וואָס העכער; די שטראהלען פון דער זון ווערען פערלאָרען אין די דיקע כמארעס פון דער פינסטערניש, וועלכע האָט בעדעקט די ערד. און די ראַדיקאלע קרעפטען מוזען אָנווענדען אלע זייערע ענערגיעס ווידערצושטעלען זיך געגען אלע פינסטערע בחות, געגען אלע שווארצע ראָבען, וועלבע בעדעקען יעצט דעם האָריזאָנט. בעזיעגען דיזע כחות וועלען מיר קענען נור דאַן, ווען די געגען־מאַכט, די ראַדיקאלע בעוועגונג וועט זיין גרוים און שטאַרק אָרגאַניזירט. מיר טאָרען ניט דערלאָזען, אז אונזערע רייהען זאָלען ווערען שיטערער און געמינדערט. די מלחמה האָט פון אונז ארויסגעריסען יונגע, טהעטיגע מעמבערס. זאָלען זייערע פּלעצער פערנעהמען אנדערע, זאָלען די לעבער אויסגעפילט ווערען! אויף יעדען איינציגען, וועלכער איז אוועק, זאָלען צוקומען צעהנדליגע און הונדערטער. דער רעוואָלוציאָנערער פליגעל טאָר ניט אָבגעשוואכט ווערען, די ראַדיקאלע מחנה טאָר ניט פערקלענערט ווערען. דער ארבייטער רינג איז א טייל פון דער רעוואָלוציאָנערער ארמעע. זאָל ער ניט קלענער ווערען. לאָמיר מיט פעראייניגטע קרעפטען אריינוואַרפען זיך אין קעמפּיין. זאָל ווערען לעבעדיג און טהעטיג אין אלע בראַנטשעס, אין אלע דיסטריקט קאָמיטעען און צווישען די איינצעלנע מעמבערס. זאָל יעדער איינער טהאָן זיין פליכט, זאָל יעדער איינער העלפען מיט וויפיעל ער קען און מיט וואָס ער קען צו מאַכען דעם קעמפּיין פאר אַן ערפאָלג. ווייל הוץ די אלגעמיינע בעדייטונג און ווידקונג, וועלכע א גרויסער און שטארקער ארבייטער רינג קען האָבען און האָט איז אויך אין די אינטערעסען גופא פון דעם איינצעלנעם מעמבער פון בראַנטש, אז זיין אָרגאַניזאַציאָן זאָל זיין שטארקער און גרעסער. א גרעסערער און שטארקערער פערבאַנד — היסט

קלענערע לאָקאַלע איינגאַבען, הייסט קלענערע בילס און אַ גרעס־סערע מעגליכקייט צו העלפען און שטיצען, אַלעס וואָס עס איז נאָבעל און שעהן. יעדער אויף זיין פּלאַץ. יעדער צו דער אר־בייט און מיר וועלען זיבער קומען צו אונזער נעקסטער קאָנווענ־שאָן שטאַרקער, מעבטינער, מיט אַ צופלוס פון פרישעם בלוט, מיט אַ צוגאָב פון 10 טויזענד נייע רעקרוטען אין אונזער אָר־גאַניזאַציאָן.

---

פּראָטווירנאַל רייטס. די מיטגליעדער פון ארבייטער רינג האָבען דורך דעם לעצטען רעפערענדום, מיט אַ גרויסער מאַיאָריטעט בעשלאָסען, אַז פּראָטווירנאַל רייטס זאָ־לען איינגעפיהרט ווערען אין אונזער אָרדען.

די מאַיאָריטעט איז אַן איבערראַשענדע גרויסע, זי איז ווייט איבער צוויי דריטעל און דאָס בעווייזט, אַז עס איז געקומען די צייט, ווען דיעזע וויכטיגע רעפאָרם מוז געמאַכט ווערען אין ארבייטער רינג.

עס אז געווען אַ לאַנגער, הארטער קאַמפּף. קיין פראַגע איז אין ארבייטער רינג אַזוי גרינדליך און אַזוי אַלזייטיג ניט דיסקוטירט געוואָרען ווי די פראַגע פון פּראָטווירנאַל רייטס. סיי די אַנהענגער סיי די געגנער האָבען געהאַט גענוג גלעגענהייט און גענוג מעגליכקייט צו לאָזען הערען זייערע ארגומענטען פאַר אָדער געגען. מעהר דיסקוטירען די פראַגע איז ניט נויטיג גע־ווען. זי איז שוין גענוג קלאָר געוואָרען דורך די דעבאַטען און דיסקוסיאָנען, וועלכע זיינען אָנגעפיהרט געוואָרען אין דער צייט פון די ערשטע צוויי רעפערענדומס. די אָבּשטימונג איז געווען אַ פאָלשטענדיג בעוואוסטזיניגע. יעדער האָט געוואוסט פאַר וואָס ער שטימט און ווארום ער שטימט פאַר אָדער געגען. און די גרויסע צאָהל שטימען, וועלבע איז אָבגעגעבען געוואָרען ביים רעפערענדום, בעווייזט, אַז די מיטגליעדער פון ארבייטער רינג האָבען די פראַגע גענומען זעהר ערנסט. אַזאַ גרויסע בעטייליג־גונג אין אַ רעפערענדום אָבשטימונג, ווי מיר האָבען געהאַט ווע־גען פּראָטווירנאַל רייטס, איז זעהר זעלטען אָנצוטרעפען אין אָר־גאַניזאַציאָנען. אַזאַ אָבּשטימונג שליסט אויס יעדע מעגליכקייט פון אַ צופאַל. ווען עס וואָלטען אָבגעגעבען געוואָרען נאָך מעהר שטימען וואָלט זיך דער רעזולטאַט פון דער אָבשטימונג ניט גע־ענדערט. עס איז קלאָר, אַז די גאַנץ גרויסע מעהרהייט פון אר־בייטער רינג וויל האָבען פּראָטווירנאַל רייטס, און דער ווילען פון דער גרויסער מאַיאָריטעט איז געשעהן.

מיט דער אָבשטימונג פון לעצטען רעפערענדום האָט זיך געשלאָסען אַ לאַנגער און וויכטיגער קאַפּיטעל אין דער געשיכטע פון דער ענטוויקלונג פון ארבייטער רינג. די פּראָטווירנאַל רייטס איז איצט געוואָרען אַ פאַקט אין ארבייטער רינג, וואָס קען מעהר ניט גענענדערט ווערען. איצט איז ניטאָ מעהר וואָס צו דעבאַטי־רען און צו דיסקוטירען. דער קאַמפּף איז צו ענד.

און עס איז געווען אַ שעהנער קאַמפּף, וואָס מאַכט עהרע דעם ארבייטער רינג. קיינער קען זיך ניט בעקלאָגען, אַז ער האָט ניט געהאַט אַ „פעיר דיעל״. עס איז געווען אַן אינטעלי־גענטער, עהרענהאַפטער קאַמפּף, וואו בלויז ארגומענטען און אַי־בערצייגונגען האָבען געזיגט. די מאַיאָריטעט פאַר פּראָטווירנאַל רייטס האָט געהאַלטען אין איין וואַקסען און זי האָט ענדליך גע־זיעגט. ניט קיין איינפאַכע מאַיאָריטעט נאָך אַ קוואַליפיצירטע — צוויי דריטעל מאַיאָריטעט האָט זיך געפאָדערט פאַר פּראָ־טווירנאַל רייטס, און עס זיינען אָבגעגעבען געוואָרען ווייט מעהר ווי 2 דריטעל.

איצט, ווען פּראָטווירנאַל רייטס זיינען אָנגענומען געוואָ־רען, זיינען מעהר ניטאָ קיין צדדים. די סיסטעם פון פּראָטויר־נאַל רייטס איז געוואָרען די סיסטעם פון ארבייטער רינג, פון אונזער אַלעמענס ארבייטער רינג, אין וועמענס וואוקס און גרוים מיר זיינען אַלע פאַראינטערעסירט.

יעדער קען זיך בלייבען ביי זיין איבערצייגונג און ביי זיין מיינונג, אָבער האַנדלען מוז יעדער לויט דעם בעשלוס פון דער מאַיאָריטעט.

קיין מאַיאָריטעט קען ניט צווינגען איינעם, אַז ער זאָל ענדערען זיינע מיינונגען און איבערצייגונגען, אָבער וואָס איי־נעמס איבערצייגונגען זאָלען ניט זיין, מוזען אָבער זיינע האַנד־לונגען שטימען מיט די בעשליסע פון דער מאַיאָריטעט פון דער אָרגאַניזאַציאָן צו וועלבער ער בעלאַנגט.

עס איז אויך פון די געגנער ניט אָבגעלייקענט געוואָרען, אַז פּראָטווירנאַל רייטס האָט אַ סך מעלות, זיי האָבען בלויז גע־גלויבט, אַז די חסרונות פון פּראָטווירנאַל רייטס וועגען אריבער די מעלות. איצט אָבער ווען די פּראָטווירנאַל רייטס זיינען גע־וואָרען אונזערע, ווען זיי זיינען געוואָרען די סיסטעם פון צאָה־לונגען אין ארבייטער רינג, דאַרפען אַלע געגנער פּערגעסען די חסרונות און זעהן אויסנוצען די מעלות.

די איינפיהרונג פון פּראָטווירנאַל רייטס אין ארבייטער רינג איז אַ גרויסע, וויכטיגע ענדערונג אין דעם לעבען פון אונזער אָרדען. עס איז דעריבער העבסט וויכטיג, אַז אין דעם איצטי־גען מאָמענט זאָלען אַלע קרעפטען זיין פעראייניגט, אַלע זאָלען ארבייטען צוזאַמען דורכצופיהרען דיעזע גרויסע רעפאָרם אין די בעסטע אינטערעסען פון ארבייטער רינג.

עס דאַרף זיין אין דער אינטערעסע פון יעדען איינציגען מיטגליעד פון ארבייטער רינג אָנצואווענדען אין דעם איצטיגען מאָמענט אַלע זיינע קרעפטען גרעסער און שטאַרקער צו מאַכען אונזער אָרגאַניזאַציאָן.

און מעג עס זיין ריכטיג, אַז פּראָטווירנאַל רייטס האָבען מאַנבע חסרונות, אָבער אַפילו די שאַרפסטע געגנער וועלען דאָך צוגעבען, אַז דורך די איינפיהרונג פון פּראָטווירנאַל רייטס ווערט די זיכערהייט פון ארבייטער רינג פיעל גרעסער. דורך די פּראָ־טווירנאַל רייטס ווערט דער ארבייטער רינג דער זיכערסטער און שטאַרקסטער אָרדען אין אַמעריקאַ. עס וועט איצט אין איהם זיין פיעל לייבטער אריינצונעהמען יונגע מיטגליעדער, און יונגע מיטגליעדער איז דער גרעסטער געווינס פאַר אַ פעריזיכערונגס־אָרדען.

זאָלען דעריבער אונזערע מיטגליעדער מיט פעראייניגטע און בעגייסטערטע קרעפטען אָנפאַנגען ארבייטען פאַר אונזער אַלע־מענס בעליעבטע אָרגאַניזאַציאָן און זי זעהן שטאַרקער און גרעס־סער מאַכען פאַר דעם בענעפיט פון יעדען איינציגען בעזונדער און פאַר דעם בענעפיט פון אונז אַלעמען צוזאַמען.

## מענדעלי מוכר ספרים

דער פאָטער פון דער מאָדערנער אידישער ליטעראַטור, איהר שעפּפער און איהר גרינדער, מענדעלע מוכר ספרים (שלום יעקב אבראַמאָוויטש), איז טויט.

אַלט און יאָהרען און רייך אין ליטעראַרישע טהעטיגקייט האָט מענדעלי מוכר ספרים אונזער וועלט פערלאָזען. ער איז געווען 82 יאָהר, ווען ער איז געשטאָרבען און ער האָט זיין פעדער ניט אַרויסגעלאָזען פון זיין האַנד במעט ביז זיינע לעצטע טעג פון זיין לעבען. ער האָט נאָך אַרטיקלען וועגען דער איצ־טיגער רוסישער רעוואָלוציע געשריבען, אין זיין איינענאַרטיגער שפּראַך, און אָריגינעלען סטיל, ווי אין זיינע יונגע יאָהרען.

מענדעלע מוכר ספרים האָט געהאַט דעם נחת צו זעהן ווי זיין ארבייט, וועלבע ער האָט אָנגעפאַנגען, איז געוואַקסען און האָט זיך ענטוויקעלט. ער האָט געזעהען ווי די אידישע ליטעראַ־טור האָט אויפגעבליהט און איז גרוים געוואָרען. זיינע אַלטע אויגען האָבען נאָך געהאַט דאָס גליק צו זעהן אַ פרייען אידישען פאָלק אין רוסלאַנד, דאָס פאָלק, וואָס ער האָט אַזוי געליעבט און פאַר וועמען ער האָט זיין גרויסען ליטעראַרישען טאַלאַנט אָבגעגעבען. שרייבען פאַר׳ן פאָלק, בילדען דאָס פאָלק, דאָס איז זיין לעבענס־אידעאַל געווען.

אַלט איז אונזער מענדעלע געווען, אָבער עס האָט זיך גע־וואָלט, אַז ער זאָל נאָך לאַנג לעבען. מען האָט דאָך איהם אַזוי ליעב געהאַט.

און עס וועט בלייבען לעבען ביים אידישען פאָלק דער נאָ־מען פון דעם גרויסען שרייבער, וועלבער האָט זיין ליטעראַטור געשאַפען. מענדעלע מוכר ספרים׳ס נאָמען וועט קיין מאָל ניט פערגעסען ווערען.

## משה טערמאַן

דער גרויזאַמער טויט האָט אַוועקגערויבט פון אונז איינעם פון אונזערע בעסטע פריינד און גענאָסען.

משה טערמאַן איז געווען גוט בעקאַנט צו די מיטגליעדער פון אַרבייטער רינג. ער איז געווען איינער פון די וועניגע, וועלכע האָבען זיך געמאַכט פיהלען אין אַרבייטער רינג מיט זייער טהעטיגקייט.

משה טערמאַן איז געווען פאַר אַ לענגערע צייט אַ מיטגליער פון דעם עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע פון אַרבייטער רינג. ער איז אויך געווען אַ מיטגליעדער פון דער איצטיגער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע. ער האָט פון איהר רעזיגנירט פאַר זיין אָבפאָהרען נאָך רוסלאַנד. ער האָט ליעב געהאַט די אויפקלערונגס־אַרבייט און ער האָט אָנגעווענדעט אַלע זיינע קרעפטען, אַז די אויפקלערונגס־אַרבייט אין אַרבייטער־רינג זאָל האָבען אַן ערפאָלג. די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט זעהר פיעל צו פערדאַנקען אונזער פריהצייטיג פערשטאָרבענעם פריינד פאַר איהר עקזיסטענץ און ענטוויקלונג.

משה טערמאַן איז געווען איינער פון די ערשטע בונדיסטען. ער איז געווען טהעטיג אין „בונד“ אַלס פּראָפּאַגאַנדיסט און שרייבער. אין אַמעריקאַ איז ער געקומען אונגעפעהר מיט אַכט יאָהר צוריק און איז גלייך געוואָרען טהעטיג אין דער היגער אידישער אַרבייטער בעוועגונג. ער איז געווען אַ טהעטיגער מיטגליעד אין דער אידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע און אין אַרבייטער רינג. ער האָט פאַר'ן אַרבייטער רינג געמאַכט איייניגע לעקטשור טורס. ער האָט רעדאַגירט די „וועלט און מענשהייט“, וואָס דער אַרבייטער רינג האָט אַרויסגעגעבען און האָט געהאַלטען אין מיטען דער אַרבייט פון אַ גרויסען ווערק „די געשיכטע פון דער אַרבייטער בעוועגונג“, וועלכע דער אַרבייטער רינג האָט ביי איהם בעשטעלט.

טערמאַנ'ס נאָמען וועט אין אַרבייטער רינג לאַנג, לאַנג ניט פערגעסען ווערען, און זעהר פיעלע מיטגליעדער פון אַרבייטער רינג וועלען בעווינען דעם פריה־צייטיגען טויט פון זייער פריינד און לעהרער.

עהרע זיין אָנדענקען.

# וואָס הערט זיך אין אַרבייטער רינג?

י. ב.

(רייזע איינדריקע. שלוס.)

„גרויס איז גאָט'ס וועלטעל און פערשיעדען זיינען די מענשען, וועלכע געפינען זיך אין איהר“. אונזערע אַר. רינג ברענטשעס זיינען צוזעהט און צושפּרייט איבער אַלע ווינקלען פון אונזער גרויסער מדינה. אין די ווייטעסטע מקומות געפינען זיי זיך, אָבגעזונדערט און אָבגעטיילט איינע פון די אַנדערע מיט הונדערטע מיילען. און דאָך געפינט איהר אומעטום דיזעלבע צרות, דיזעלבע מחלוקות, דיזעלבע פינאַטס־פּאָליטיק“, מיט די זעלבע קריוודעס און טענות, מיט דיזעלבע קיקערס און ווידערשפּעניגע. אָט במעט ווי פון איין פאָרם אויסגעגאָסען, ווי איין מאַמע וואָלט זיי געהאַט. נאָר אַז איהר הערט זיך גוט צו צו אַלעס, וואָס מען דערצעהלט אייך, ווען איהר קוקט זיך גוט צו צו די ספּעציעלע אומשטענדען און בעדינגונגען קענט איהר פונדעסטוועגען אויסגעפינען, אַז יערע שטאָדט האָט דאָך איהרע ספּעציעלע צרות און ליידען, ווי אויך איהרע אָריגינעלע טיפּען און פיגורען, וועלכע איהר קענט אַנדערש וואו ניט טרעפען, טיפּען, וועלכע זיינען אַ ספּעציעלער פּראָדוקט פון די אָרטיגע, לאָקאַלע אומשטענדען און בעדינגונגען. און זאָלט איהר זאָגאַר דיזע טיפּען אַוועקנעהמען פון דאָרטען און אַריבערפּעקלען זיי אַנדערש וואו, וועט דאָס פיעל ניט ווירקען אויף דעם גאַנג פון דעם אָרטיגען אַרבייטער רינג לעבען. אַנדערע, עהנליכע טיפּען וועלען אַרויסשפּרינגען און פערנעהמען זייער פּלאַץ, וועלען אָנפיהרען דיזעלבע אַרבייט, און וועלען קענען האָבען אַ ווירקונג אויף דעם גאַנג פון די געשעהענישען, אויב דער באָדען, אויף וועלכען זיי וואַקסען אויס וועט זיך ניט ענדערען, אויב די קוואַלען, פון וואַנען זיי ציהען זייער גאַנצע יניקה וועלען ניט אינגאַנצען איבערגעאַרבייט ווערען. מיט אַנדערע ווערטער הייסט עס, אַז אום געוויסע טיפּען זאָלען ניט האָבען די שעדליכע ווירקונג, וועלכע זיי האָבען, מוזען די קוואַלען, די ברענטשעס גופא ענדערען זייער סאָרט לעבען, אומבייטען זייער פּאָליטיק, אָבפּרייען און דורכלופטיגען די אַטמאָספערע אַזוי, אַז עס זאָל ניט בלייבען קיין פּלאַץ פאַר אַזעלכע עלעמענטען און זיי וועלען אויסשטאַרבען מיט אַ גאַנץ נאַטירליכען טויט. אויב עס איז דאָ אַ זוכפּ מוזען זיך דאָרט פּרוכטבאַרען אַלערליי בעשעפענישען. רייניגט אויס די בלאָטע און פון ריזע חיה'לעך וועט אַ געדעכעניש ניט בלייבען. זיי וועלען ווערען פערשוואונדען פון זיך אַליין.

מילוואָקי איז אַ גרויסע שטאָדט. די אידישע בעפעלקערונג איז דאָרט אַ גאַנץ בעדייטענדע און עס איז פאַראַן אַ גרויסע פעלד פאַר טהעטיגקייט סיי פאַר דעם אַרבייטער רינג, סיי פאַר די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, און ווען די קרעפטען וואָלטען דאָרט געווען פעראייניגט, וואָלט דער ערפאָלג געווען אַן אָנגעזעהנער און די ראַדיקאַלע בעוועגונג וואָלט פערנעהמען אַ גאַנץ שעהנעם פּלאַץ. און דער אמת איז, אַז מיר יאָהרען צוריק, ווען דער וואָרם פון רייסערייען האָט זיך נאָך ניט אַריינגעגעסען אין די פלייש פון דער מילוואָקער בעוועגונג און אין איבערהויפּט פון דעם אַרבייטער רינג, האָט דער אַרבייטער רינג דאָרט געשפּיעלט אַ גאַנץ וויכטיגע ראָלע. אין געזעלשאַפטליכען לעבען האָט ער פערנומען דעם אויבען אָן. די מאַסען האָבען געהאַט צוטרוי צו די פיהרער און מען האָט זיך צוגעהערט צו זייער וואָרט.

פאַר די לעצטע צייט אָבער איז די לאַגע גאַנץ געענדערט געוואָרען. דער אַרבייטער רינג שפּיעלט דאָרט כמעט קיין ראָלע ניט. די סאָציאַליסטישע ברענטשעס, זייענדיג צוריסען און אָבגעטהיילט פון דעם אַרבייטער רינג, קענען אויך ניט אויפטהאָן פיעלעס. און זעלבסטפערשטענדליך, אַז אַנדערע מענשען פערנעהמען זייער פּלאַץ, טהוער פון אַנדערע ריכטונגען כאַפּען זיך אַרויף אויפ'ן בענקעל, בענוצען זיך מיט דיזער צושפּאַלטונג, צאַנקערייען און רייסערייען, וועלכע עס הערשט צווישען די אַלטע טהוער. און שולדיג אין דעם זיינען נאָר איינצעלנע פערזאָנען. מיט זייער לייבטזיניגקייט און שמאָלקעפּיגקייט מאַכען זיי אָן איינפאַך אַ חורבן אין דער בעוועגונג. זיי געהען אויף איין גלייכער ליניע. זיי ווילען ניט זעהען וואָס אַרום זיי און וואָס אָן רער זייט אָדער וואָס הינטער זיי טהוט זיך. עס איז אמת, אַז אין דער געאָמעטרי איז אַ גלייבע ליניע דער קורצעסטער וועג, און דאָס איז אַ גרויסע מעלה. אין געזעלשאַפטליכען און פּאָליטישען לעבען אָבער איז דאָס איינפאַך אַ רואינע, און דיעזע פריינדע אונזערע ווילען דערפון ניט וויסען. זיי זעהען איין זאַך פאַר זיך און מעהר ניט. מעגליך, אַז זיי מיינען גוט.

איניגע פון זיי זיינען די גרעסטע חסירים פון דעם אַרבייטער רינג און ווען עס קומט צו געוויסע פראַגען, אין וועלכע עס זיינען פעראינטערעסירט אויך אַנדערע עלעמענטען, די גאַנצע ראַדיקאַלע בעוועגונג, ווילען זיי דערפון ניט וויסען און ניט הערען. זיי רענקען, אַז נאָר דעם אַרבייטער רינג בעלאַנגט דער כבוד אָנצופיהרען דיעזע אָדער יענע טהעטיגקייט, אָרגאַניזירען דיעזע אָדער יענע געזעלשאַפטליכע קרעפטען. ווילען אָבער צוטרעטען דערצו אויך די סאָציאַליסטישע גרופּען און אַנדערע

ראַדיקאַלע עלעמענטען, שרייען זיי קאַראַול און דענקען אַז דער אַרבייטער רינג איז אין געפאַהר.

פערקעהרט, די הייסע חסידים פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי האַנדלען פּונקט אַזוי ווען דער אַרבייטער רינג וויל צושטעהן צו זיי און העלפען אין אַ געוויסער געזעלשאַפטליכער טהעטיגקייט. דער רעזולטאַט איז אַז אַנשטאָט אַרבייטען מיט קאָנצענטרירטע קרעפטען, ווערען דיעזע כחות צושפּאָלטען, און פערשטעהט זיך, אַז זיי קענען ניט ברענגען צו וועלכע ניט איז גוטע רעזולטאַטען.

אַ לייבאָר לייסעאום ווייסען אַלע איז אַ נויטהווענדיגע זאַך און קען ברענגען נוצען ניט נאָר דעם אַרבייטער רינג, ניט נאָר דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, נאָר דער גאַנצער ראַדיקאַלער בעוועגונג, און עס וואָלט געווען לאָגיש אַז אין אַזאַ אונטערנעהמונג זאָלען זיך בעטהייליגען אַלע די עלעמענטען, פאַר וועמען דער לייבאָר לייסעאום איז אַ נויטהווענדיגקייט. יעדער טהייל פון דער בעוועגונג זאָל טהאָן איהר חלק און העלפען בויען אַזאַ טעמפּעל. קומען אָבער די קורצזיכטיגע, שמאָלקעפּיגע חטירים פון איין טהייל פון דער בעוועגונג און שרייען: „ניין, איהר טאָרט זיך דערצו ניט צורירען, דאָס איז אונזער אַרבייט און איהר ראַרפט שטעהן פון דער וויטענס. אויף אונז איז געפאַלען דער גורל דורכצופיהרען דיעזע מיסיאָן און קיינער טהאָר זיך אין דעראיין ניט אַריינמישען“. און אַזוי איז כמעט אין אַלע פראַגען. די זעלבע בלינדקייט, די זעלבע איינגעשפּאַרטקייט, וועלכע האָט קיין גלייכען צו זיך ניט אין קיין בעוועגונג און אין קיין אַנדער אידישער שטאָדט. אויף יעדען שריט און טריט בעגעגענט איהר זיך מיט דיזער פערברעכערישער גלייכגילטיגקייט צו די אַלגעמיינע אינטערעסען און אַ שמאָלקעפּיגע, בלינדע פערקאָכטקייט פאַר אַן איינגערעדטען ניט געשטויגענעם און ניט געפלויגענעם פּרינציפּ.

דער רעזולטאַט דערפון איז, אַז דער אַרבייטער רינג האָט פערלאָרען יעדע ווירקונג אויף דער אידישער גאַס. מען קוקט מיט אונצוטרוי אויף אַלע אונטערנעהמונגען זיינע, ווייל מען איז זיכער, אַז אויב איין טהייל פון די מעמבערס פון דעם אַרבייטער רינג נעהמט וואָס אונטער, וועט קומען דער צווייטער טהייל, דער קלענסטער, און וועט דאָס צושטערען. עס איז ווירקליך ווי דער נביא בעקלאָגט זיך: „דיינע צושטערער און פערפיהרער זיינען פון דיר אַליין אַרויסגעקומען“.

מיר קענען זאָגען צו אונזערע חסידים פון מילוואָקי און געבען זיי די לעצטע וואַרנונג, וועלכע די בעטהייליגער אין די קרייצ־ציגע האָבען אַרויסגעשטעלט אויף זייער פלעג. אַנשטאָט ירושלים וואָלטען מיר דאַרפען אַוועקשטעלען מילוואָקי און זאָגען, „מילוואָקי עסט פּערדיטאַ“, מילוואָקי וועט זיין פערלאָרען, אויב די זאַך וועט אַזוי ווייטער אָנגעהן, און זאָלען די מעמבערס איין מאָל פאַר אַלע מאָל נעהמען די זאַך ערנסטער אַ ביסעל אויב זיי ווילען ווירקליך האָבען אַ שטאַרקען אַרבייטער רינג און אַן אָרגאַניזאַציאָן, וועלכע זאָל שפּיעלען אַ וועלכע ניט איז ראָלע אויף דער אידישער גאַס.

---

ווי ערפרישענד און אַנגענעהם איז אָבער, ווען מען פּאָהרט אַריין פון מילוואָקי אין אַזאַ שטאָדט ווי פּיטסבורג. איך בין געקומען דאָרט און געפונען אין האָלל אַ גרויסען עולם און האָב זיך איינפאַך פערוואונדערט, דענקענדיג אַז דאָס איז דער עולם געקומען הערען וועגען די פראַטווירנאַל רייטס. נאָכפרעגענדיג אָבער די בעקאַנטע און צוהערענדיג זיך צו די רייד פון די רעדנער, האָב איך פערשטאַנען, אַז דאָס איז אַראַנזשירט געוואָרען אַ גרויסער מאַס־מיטינג צו פּראָטעסטירען געגען די אונטערדריקונג פון „פרייע פּרעסע און פרייע רעדע“. אויף דער פּלאַטפאָרמע זעה איך אויך אַלטע בעקאַנטע פּנימער, די זעלבע טהוער פון דער סאָציאַליסטישער בעוועגונג און די זעלבע טהעטיגע טהוער פון דעם אַרבייטער רינג.

אין פּיטסבורג איז די לאַגע אַ מערקווירדיגע. וואָס דיעזע טהוער זאָלען ניט אונטערנעהמען, ווערט דאָס דורכגעפיהרט מיט ערפאָלג. פאַר וואָס זיי זאָלען זיך ניט נעהמען, ברענגט דאָס גלענצענדע רעזולטאַטען. רופען זיי אַ מאַס־מיטינג, קריגען זיי דעם עולם. נעהמען זיי אונטער אַ קאָלעקשאָן, קריגען זיי די געלד. ראַבט זיך אַן אָרימער עלעמענט. די אַרבייטער, וועלכע זיינען מייסטענס בעשעפטיגט ביי די סטאָגים, פערדיענען גאַנץ וועניג. דורכשניטליך מאַכען זיי העכסטענס פופצעהן דאָלאַר אַ וואָך, און דיעזע קבצנים האָבען זיך אונטערנומען צו בויען אַ לייבאָר לייסעאום, ניט האָבענדיג אַ סענט אין די פּאַקעטס. און אַזאַ שטרעבונג פאַר זיי האָט אייגענטליך געקענט אויפקומען פאַר אַן אונגלויבליכע זאַך. און דאָך, ווען איהר געהט דורך דעם מיטעלפּונקט פון דער אידישער געטהע אין סענטער עווענין, וואַרפט זיך אייך גלייך אין די אויגען אַ שעהנע פּרעכטיגע געביידע, וועלכע ציהט גלייך אייער אויפמערקזאַמקייט. דאָס איז דער פּיטסבורגער אַרבייטער רינג לייסעאום, אַ געביידע, וועלכע האָט אָבגעקאָסט אַריבער פופציג טויזענד דאָלאַר, און אויף וועלכע די פּיטסבורגער גענאָסען זיינען היינט געבליבען שולדיג אַרום פופצעהן טויזענד דאָלאַר אין גאַנצען.

עס איז איינפאַך אַ וואונדער ווי אַזוי דיעזער טעמפּעל איז אויפגעוואַקסען. די אוטסיידערס ווייסען דאָס פיליכט ניט. די אָבער וועלכע זיינען בעקאַנט מיט די פּיטסבורגער אומשטענדען ווייסען, אַז אין דיעזע מויערען זיינען אַריינגעלעגט געוואָרען די שווייס און בלוט פון די איבערגעבענע טהוער. נעכט האָבען זיי ניט געשלאָפען. די בעסטע צייט זייערע האָבען זיי אָבגעגעבען צו דיזער הייליגער אַרבייט. אַלערליי סאָרט אונטערנעהמונגען זיינען אויסגעקלעהרט געוואָרען, און אַזוי זיינען זיי ביסלעכווייז, ביסלעכווייז געגאַנגען וואָס ווייטער און ווייטער אין דיזען וועג, ביז וואַנען זייער אונערמיעדליכע אַרבייט איז געקרוינט געוואָרען מיט ערפאָלג. אַ זעלטענע האַרמאָניע הערשט צווישען דיעזע טהוער. ווי איין פאַמיליע האָבען זיי אימער געלעבט און זיי האָבען דורך זייער אונערמיעדליכער מיהע און ענערגיע ערוואָרבען דעם גרעסטען רעספּעקט פון דער בעפעלקערונג. קיין אידישער בעל־הבית וועט זיך גאָר ניט ערלויבען אָבצוזאָגען אין וואָס ניט איז ווען דיעזע טהוער וועלען צו איהם קומען מיט אַ געוויסען פערלאַנג.

איינער אַ אידישער סטאָרקיפּער האָט מיר געזאָגט, אַז ער האָט געקויפט פאַר צעהן דאָלאַר שערס אין דער לייבאָר לייסעאום ניט אַזוי צוליעב דעם וואָס ער סימפּאַטיזירט מיט דער זאַך, נאָר איינפאַך ווייל דער און דער איז צו איהם געקומען און האָט דאָס פערלאַנגט. און אַז זיי קומען, זאָגט ער, קען מען זיי ניט ענטזאַגען. זיי פערדיענען אונזער צוטרוי,

און זאָגאַר ווען עס טרעפט זיך אַמאָל, ווי עס קען פּאַסירען צווישען לעבעדיגע מענשען, אַ וועלכע ניט איז מיספערשטענדניסע צווישען די מעמבערס און עס קומט זאָגאַר צו אינערליכע רייבונגען און צאַנקערייען, זיינען אָבער אונזערע פּיטסבורגער אירען אויף אַזוי פיעל פּאָליטיש ערצויגען און בעזיצען דעם טאַקט, אַז זיי קענען דאָס פערבאָרגען און פערשטיקען צווישען זיך אַזוי אַז די זייטיגע אויג זאָל דאָס ניט בעמערקען, און אין דעראיין ליגט דער סעקרעט פון זייער ערפאָלג, און דערפאַר איז דאָס פּיטסבורג געוואָרען אַזוי בעאַכטעט און בעגלויבט. און אונזערע אַנדערע פריינדע מעגען זיך נעהמען אַ ביישפּיעל פון דיזער שטאָדט, נעהמען אַ לעסאָן ווי אַזוי אָנצוהאַלטען איינגקייט צווישען זיך און אָנפיהרען אַ גרויסע, ברייטע טהעטיגקייט אויף דער אידישער גאַס און קריגען די ווירקונג, וועלכע יעדער אַרבייטער רינג ברענטש פון יעדער שטאָדט האָט געקענט אויסאיבען, ווען ער וואָלט געהאַט די פּאַסענדע טהוער, און ווען די טהוער וואָלטען געהאַט דעם פּאָליטישען פערשטאַנד און טאַקט.

עס לוינט זיך ניט אָבצושטעלען אויף אַלע אַנדערע שטעדט און שטעדטלעך. זיי אַלע האָבען אין זיך כמעט די זעלבע כאַראַקטערע. איהר טרעפט דאָרטען כמעט די זעלבע טיפּען, און זייער טהעטיגקייט קען זיך אייגענטליך פערגלייכען מיט דיזע צוויי שטעדט, מילוואָקי און פּיטסבורג. דאָרט וואו עס איז דאָ איינגקייט צווישען די מעמבערס, דאָרט וואו עס איז דאָ אַ פּאָר מעהר אָדער וועניגער טהעטיגע מעמבערס, איז לעבעדיג. דער אַרבייטער רינג לאָזט זיך הערען, מען פיהלט זיין ווירקונג. און פערקעהרט, דאָרט וואו עס הערשט אַ דיסהאַרמאָני, דאָרט וואו די קליינליכע פּערזענליכע צאַנקערייען קריגען די אויבערהאַנד.

דאָרט איז אוים טהעטיגקייט, אוים בעוועגונג און עס הערשט איינפאַך אַ באָס.

פאַראַן איינינגע שטעדט, וואו עס איז שטיל, פיין, פּשוט אַ פערגעניגען. אונזערע מעמבערס זיינען דאָרט רוהיג, טומלען זיך ניט. זיי שלאָפען אַזוי זיס, אַז מען דאַרף איינפאַך האָבען אַ הארץ פון אַ גזלן זיי אויפוועקען; כראָפּען אַזוי שטאַרק, אַז איהר דערהערט עס זאָגאַר ווייט פון שטאָדט, גלייך אַרונטער־געהענדיג פון טריין. און אַז איהר וועקט זיי אויף פון שלאָף, טשוכענען זיי זיך פונאַנדער, רייבען אוים די אויגען, בעדאַנקען אייך פאַר אייער טרחה און געהען ווייטער שלאָפען. זיי קימערט ניט די אויסערע וועלט. זיי אינטערעסירען זיך ניט מיט די אַלע ברענענדע פּראָבלעמען. ס'איז ניט זייער ביזנעס.

אויב אויף דרויסען שטורעמט, האָגעלט און שנייעט, פערפּאַקען זיי זייערע פענסטער, מען פערשטאָפּט אַלע לעכער, דורך וועלכע אַ ווינדעלע קען אַריינבלאָזען און מען כראָ[illegible] ווייטער. זיסע, רוהיגע סינסינעטי, אידילישע דייטאָן און קאָלומבוס, ווי וואויל און גוט אייך איז דאָס, וואָס די אויסערליכע שטורמען ריהרען אייך גאָר ניט אָן! די „ריפּ וואַן־ווינקעלס” זיינען דאָרטען אין די הונדערטע און זיי זיינען צופרידען.

עס וואָלט געווען כדאי אָבצושטעלען זיך אַ ביסעל אויף אונזער ספּעציעלע שוהל אידען, וועלכע שפּיעלען אַ וויכטיגע ראָלע אין אונזער אַרבייטער רינג, נאָר דאָס וועלען מיר איבערלאָזען צו אַ מעהר גינסטיגערע צייט.

# די אויפקלערונגס־אַרבייט אין אַרבייטער רינג

צביון.

די אויפקלערונגס־אַרבייט אין אַרבייטער רינג איז אַ פראַגע, וועלכע דאַרף אימער שטעהן אויף דער טאָגעס־אָרדנונג.

עס איז נאָך ביז היינט ניט געפונען געוואָרען דער ריכטיגער וועג ווי אַזוי און אויף וועלכען אָן אופן די אויפקלערונגס־אַרבייט אין אַרבייטער רינג דאַרף אָנגעפיהרט ווערען, און עס וועט נאָך לאַנג דויערען ביז דער ריכטיגער וועג וועט געפונען ווערען.

עס איז אַ שווערע אַרבייט און זעהר אַ פערוויקעלטע און קאָמפּליצירטע אַרבייט. און ווי לאַנג די אַרבייט וועט געטהאָן ווערען פון צופעליגע געוועהלטע קאָמיטעס און מיט אַזעלכע בעשרענקטע געלד־מיטלען, איז עס זעהר צווייפעלהאַפט אויב דער ערפאָלג קען זיין אַ גרויסער.

עס דאַרף צו אַלער ערשט קלאָר ווערען, אַז כדי די אויפקלערונגס־אַרבייט זאָל קענען אויסאַרבייטען אַ סיסטעם פאַר זיך און זאָל קענען פאָרטגעזעצט ווערען מיט אַ געוויסער פּלאַנמעסיגקייט, דאַן מוז זי האָבען אַ בעשטענדיגען ספּעציעלען מענשען אין אָפיס, וואָס זאָל זיך מיט איהר אָבגעבען. די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע קען בלויז זיין אַ פערוואַלטונגס־קאָמיטע, אָדער ריכטיגער, אַן אויפזיכטס־קאָמיטע, וואָס זאָל אויפפּאַסען, אַז די אַרבייט זאָל געטהאָן ווערען פון איהר אָנגעשטעלטען, זי אַליין קען אָבער די אַרבייט ניט טהאָן. און ווען די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע זאָל אפילו קענען טהאָן אַליין די אַרבייט טויג עס דאָן אויך ניט. אַזאַ אַרבייט קען קיין סיסטעם ניט האָבען און קען ניט זיין פּלאַנמעסיג, ווייל מיט יעדער נייער קאָמיטע בייט זיך די סיסטעם און עס בייטען זיך די פּלענער. דער פאַקט איז, אַז יערע נייע עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע זעצט ניט פאָרט די אַרבייט פון דער קאָמיטע, וואָס איז געווען פאַר איהר, נאָר זי פאַנגט אָן די אַרבייט פון דאָס ניי. און פערנאַכלעסיגט אַ קאָמיטע איין יאָהר די אַרבייט, דאַן מוז די נייע קאָמיטע אָנפאַנגען פּשוט פון אלף בית.

די אויפקלערונגס־אַרבייט איז אַזעלכע, וואָס דאַרף כסדר אָנגעהאַלטען ווערען און פאָרטגעזעצט ווערען. זי איז צום גרעסטען טייל אַן אָפיס אַרבייט, פערבונדען מיט זעהר פיעל רוטינע טעכנישע אַרבייט, וואָס דאַרף געטהאָן ווערען אַ גאַנץ יאָהר, טאָג איין טאָג אויס, און וואָס בלויז אַ בעצאָהלטער אָנגעשטעלטער קען זיי דורכפיהרען. און ווען די אַרבייט זאָל געפיהרט ווערען ריכטיג און מיט אַ טאָלק, איז דאָ גענוג בעשעפטיגונג פאַר יעדען טאָג פון יאָהר פאַר אַ פעהיגען מענשען, וואָס זאָל זיך פאַסען פאַר דעם צוועק. מען דאַרף האָבען אַ בעשטענדיגע פערזאָן, וואָס זאָל פערבינדען די אַרבייט פון דער אַוועקגעהענדער קאָמיטע מיט איהר נאָכפאָלגענדע, אַ פערזאָן, וואָס זאָל מאַכען אַז די אַרבייט פון איין קאָמיטע זאָל זיין אַ פאָרטזעצונג פון איהר פאָרגעהענדע.

מען דאַרף דערביי נעהמען אין אכט, אַז עס איז זעהר שווער אָבצוטיילען די אויפקלערונגס־אַרבייט פון דער אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבייט. ביירע טיילען זיינען ענג פערבונדען צווישען זיך. עס איז אָפט שווער צו זאָגען וואו עס פאַנגט זיך אָן די אויפקלערונגס־אַרבייט און וואו עס ענדיגט זיך די אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבייט און פערקעהרט. די צוטיילונג פון דער אַרבייט איז מעהר אַ מעכאַנישע, אַ קינסטליכע, ווי אַ נאַטירליכע. דער וואָס טהוט אויפקלערונגס־אַרבייט אין אַרבייטער רינג טהוט אין דערזעלבער צייט אויך אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבייט, און דער וואָס טהוט אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבייט טהוט אין דערזעלביגער צייט אויך אויפקלערונגס־אַרבייט. עס דאַרף בלויז אַריינגעטראָגען ווערען מעהר סיסטעם, מעהר פּלאַנמעסיגקייט און מעהר איינינגקייט אין דער אַרבייט.

אָבער וועגען וואָס מען זאָל ניט אָנפאַנגען ריידען מוז מען קומען צו דעם הויפּט־פּונקט — צו דער געלד־פראַגע.

די סומע פון 4 טויזענד דאָלאַר, וואָס די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע קריגט, איז פיעל צו ווייניג פאַר דער אַרבייט, וואָס זי דאַרף טהאָן. ווי בעשרענקט די טהעטיגקייט פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע איז, צוליעב איהר קליינעם בודזשעט, איז גענוג דער פאַקט, דאָס זי האָט אפילו ניט די מעגליכקייט צו אָרגאַניזירען ווי נויטיג איז אַ לעקטשור טור. זי מוז זיך, צוליעב געלד־מאַנגעל, בעשרענקען מיט אַ טור אויף אַ קורצער צייט בלויז פאַר די ווייטערע שטעדט. אַ טור פאַר'ן גאַנצען לאַנד וואָלט ניט געווען פאַר איהרע מיטעל. די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע קען ניט פאָרטזעצען מאַנכע אונטערנעהמונגען, וואָס די פריהערדיגע קאָמיטעס האָבען אָנגעפאַנגען, ווייל עס פעהלען איהר די געלד־מיטעל. צוליעב דעם קליינעם בודזשעט מוז יעדע עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע, ווי עקאָנאָמיש זי זאָל ניט זיין, איבערלאָזען אַ דעפיציט נאָך זיך. און די דעפיציטען האָבען זיך ביסלעכווייז אַזוי געקליבען ביז ווען די היי־יאָהריגע קאָמיטע איז אַריין אין אַמט, האָט זי געפונען, אַז אַ העלפט פון איהר בודזשעט דאַרף אַוועקגעהן אויסצוגלייכען דעם דעפעציט און די חובות, וואָס די פריהערדיגע קאָמיטעס האָבען איהר איבערגעלאָזען.

דערצו איז איצט געוואָרען אַלץ טייערער. דאַרף מען אַרויסגעבען ביכער קאָסט טייערער פּאַפּיער, דרוק זאַץ, איינבאַנד, פערפּאַקונג, צושטעלונג א. אַז. וו. לעקטשורס, קאָנצערטען און יערע אַנדערע אונטערנעהמונג קאָסט בעדייטענד טייערער ווי פריהער. דער דאָלאַר איז געוואָרען ביליגער. אַ מאָל איז געווען 10 דאָלאַר פאַר אַ לעקטשור אַ גוטער פּרייז, און ווען דער אַרבייטער רינג האָט אַראַנזשירט מעהרערע לעקטשורס האָט איהם געקאָסט ביליגער. היינט איז שווער צו קריגען אַ לעקטשור פאַר 10 דאָלאַר. עס זיינען איבערהויפּט איצט פאַראַן ווייניג לעקטשורער, די מייסטע לעקטשורער זיינען אַוועקגעפאָהרען אין רוסלאַנד און די, וועלכע זיינען דאָ געבליבען זיינען פערנומען מיט זייערע געוועהנליכע בעשעפטיגונגען און האָבען קיין צייט ניט זיך אָבצוגעבען מיט לעקטשורס. און דער כלל איז,

אַז ווען די נאָכפראַגע ווערט גרעסער, שטייגט דער פּרייז. אַ מאָל וויערער איז דער אַרבייטער רינג כמעט געווען די איינציגע אָרגאַניזאַציאָן וואָס האָט אַראַנזשירט לעקטשורס, קורסען א. אַז. וו. היינט זיינען אָבער פאַראַן אַנדער אָרגאַניזאַציאָנען, וועלכע פיהרען אָן עדיוקיישאָנאַל אַרבייט אויף אַ פיעל גרעסערען מאַסשטאַב, ווי דער אַרבייטער רינג. די אידישע יוניאָנס געבען היינט אויס אַ סך מעהר געלד אויף עדיוקיישאָנאַל אַרבייט די דער אַרבייטער רינג. די אינטערנעשאָנאַל ליידיס גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן, די קעפּ מייקערס יוניאָן, די אַמאַלגאַמייטעד און מאַנכע קלענערע יוניאָס אַראַנזשירען סעריעס לעקטשורס און קורסען, פאַר וועלכע זיי שפּאָרען ניט קיין געלד און קיין מיה זיי צו מאַכען אַן ערפאָלג. אַפילו די אידישע סאָציאַליסטישע ברענטשעס פון דער פעדעראַציע גיבען אַוועק אַ גרויסען טייל פון זייערע אָרימע בודזשעטען פאַר עדיוקיישאָנאַל אַרבייט.

די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע פון דער גרויסער רייכער אַרבייטער אָרגאַניזאַציאָן, דער אַרבייטער רינג, וועלכע איז מיט אייניגע יאָהר צוריק געווען די גרעסטע מיוחסת אין דער אידישער גאַס מיט איהר אויפקלערונגס־אַרבייט, איז היינט געוואָרען אויס יחוס. די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע פון אַרבייטער רינג קוקט היינט אויס ווי אַן אַראָבגעקומענע באַלעבאָסטע. די אידישע יוניאָנס פיהרען די אויפקלערונגס־ אַרבייט מיט דער ברייטער האַנד און די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע פון אַרבייטער רינג מוז זיך אויסרעכענען אויף יעדען דאָלאַר. מען דאַרף חשבונ׳ען אויב מען קען אַראַנזשירען נאָך אַ פּאָר לעקטשורס, ווייל דער בודזשעט ערלויבט ניט. סתם לעקטשורס איז ווידער קיין נייעס ניט. דאָס אַראַנזשירען אויך איינצעלנע ברענטשעס און פעראיינען. די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע דאַרף זיי אַראַנזשיר׳ען אויף אַ גרעסערען מאַסשטאַב. לעקטשורס מיט קאָנצערטען צוזאַמען, אין אַ שעהנעם האָל, עס זאָל האָבען אַ פּנים. אָבער אַ קאָנצערט, וואָס זאָל זיין וואָס צו הערען, דאַרף קאָסטען גוטע געלד.

און דאָ קומט די קאָונטרי מיט טענות: מיר צאָהלען דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע און וואָס האָבען מיר פון איהר? מיר גיבען איהר 4 טויזענד דאָלאַר אַ יאָהר און וואָס גיט זי אונז? און עס קומט אויס ווי יעדער ברענטש פון דער קאָונטרי וואָלט געבען דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע 4 טויזענד דאָלאַר. און קומט אַ סעקרעטער פון אַ דיסטריקט אָדער סיטי קאָמיטע, וועלכער איז אַ גוטער בעל חשבון, און רעכענט אויס וויפיעל די מיטגליעדער פון זיין דיסטריקט צאָהלען אויס אַ יאָהר פאַר דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע, און ער פאָדערט, אַז וועניגסטענס זאָל מען איהם אַרויסצאָהלען אַזוי פיעל, וויפיעל עס מאַכט אויס אויף זיין דיסטריקט. ער בעט ניט קיין נדבה, ער פערלאַנגט בלויז וואָס איהם קומט. עס פערשטעהט זיך, אַז על פּי יושר וואָלט די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע געדאַרפט נאָך עפּעס רערלעגען, אַז ניט טאָ וואָס דאַרף מען איהר? נאָר ער וויים דאָך אין פאָרויס ווער די ניו יאָרקער זיינען און וואָס מען קען פון זיי ערוואַרטען, דעריבער פערלאַנגט ער בלויז פאַר זיין דיסטריקט דאָס וואָס עס קומט אויס על פּי חשבון. נאָר אויב די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע וועט צוטיילען די 4 טויזענד דאָלאַר צו די דיסטריקט קאָמיטעס און סיטי קאָמיטעס ווי עס קומט אויס על פּי חשבון, טאָ מיט וואָס וועט די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע אָנפיהרען איהר אַרבייט? — דאָס איז ניט זיין עסק, זאָל די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע זאָרגען. זאָל זי געהן געפינען אַ בייטעל געלד, וואָס אַ רייכער פריץ האָט פערלאָרען.

אמת, די אַלע טענות פון דער קאָונטרי זיינען שוין גאַנץ אַלטע, אָבער ניט קוקענדיג אויף זייער אַלטקייט בלייבען זיי אימער ניי און ווידערהאָלען זיך יעדעס יאָהר מיט זייער גאַנצער פרישקייט.

אום די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע זאָל קענען מעהר אָדער וועניגער טהאָן איהר אַרבייט מיט מעהר ערפאָלג און זיין מעהר צופריעדענשטעלענד, דאַן מוז זי צו אַלער ערשט קריגען אַ גרעסערען בודזשעט. זי דאַרף עס קריגען שוין צוליעב די צוויי גרינדע אליין: ערשטענס איז דער אַרבייטער רינג פאַר די לעצטע פּאָר יאָהר בעדייטענד פערגרעסערט געוואָרען און צווייטענס איז דער דאָלאַר ביליגער געוואָרען. די 4 טויזענד דאָלאַר וואָס די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע קריגט איצט, איז פיעל וועניגער ווערטה ווי די 3 טויזענד דאָלאַר, וואָס זי האָט געקראָגען מיט 4 יאָהר צוריק. מען קען היינט מיט 4 טויזענד דאָלאַר אַ סך וועניגער אויפטהאָן, ווי 4 יאָהר צוריק מיט 3 טויזענד דאָלאַר. די עדיוקיישאָנעל קאָמיטע האָט פּראָבירט דאָס יאָהר פעראייניגען אין אַ געוויסער מאָס איהר אַרבייט מיט דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, ווייל ווי שוין פריהער דערמאָהנט, די אַרבייט פון די צוויי קאָמיטעס איז ענג פערבונדען. אָבער אויך דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז דער קליינער בודזשעט שטערט. אייניגעס האָט געקענט געטהאָן ווערען, וואָס וואָלט געווען ניצליך אי פאַר דער אויפקלערונגס־אַרבייט, אי פאַר דער אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבייט. רופט מען געוועהנליך אַ געמיינשאַפטליכען מיטינג פון ביידע קאָמיטעס און מען מאַכט צוזאַמען פּלענער. וואוילע פּלענער. זיי געפעלען אי דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע אי דער אָרגאַניזאַציאָנס־קאָמיטע. קומט מען אָבער צו די פראַגע ווער וועט צאָהלען די פּאָר גראָשען, און אַלע פּלענער געהען אַוועק ווי מיט אַ רויך. די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע קען ניט, זי האָט אַ דעפיציט, און די אָרגאַניזאַציאָנס־קאָמיטע קען אויך ניט, ווייל עס האַלט אויך ביי איהר קרוב צו אַ דעפיציט.

נור פּונקט אַזוי ווי עס איז וויכטיג די געלד־פראַגע, איז עס נאָך וויכטיגער די פראַגע פון האָבען אַ בעשטענדיגען אָנגעשטעלטען מענשען אין אָפיס, וואָס זיין אויפגאַבע זאָל זיין אָנצופיהרען די עדיוקיישאָנאַל אַרבייט. עס דאַרף געשאַפען ווערען אין אַרבייטער רינג אַן **עדיוקיישאָנאַל דעפּאַרטמענט**, פּונקט ווי עס איז פאַראַן אַן אינשורענס דעפּאַרטמענט, אַ מעמבערשיפּ דעפּאַרטמענט א. אַז. וו. און די אַרבייט פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע דאַרף זיין בלויז האָבען די אויפזיכט אויף דיעזען דעפּאַרטמענט.

און עס איז גראָד איצט געשאַפען געוואָרען אַ געלעגענהייט, אַז די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע זאָל קענען אָנשטעלען אַ מאַן, וואָס זיין גאַנצע צייט זאָל אָבגעגעבען ווערען פאַר דער עדיוקיישאָנאַל אַרבייט. מען דאַרף איצט האָבען אַ רעדאַקטאָר פאַר׳ן „פריינד“. איך גלויב, אַז עס וואָלט געווען דאָס בעסטע, ווען די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע זאָל פעראייניגען דאָס אמט פון אַ רעדאַקטאָר פון „פריינד“ מיט דעם אמט פון אַ סעקרעטער פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע. מען וועט קענען דאַן צאָהלען אַזאַ געהאַלט, אַז עס זאָל זיך לוינען פאַר אַן אינטעליגענטען מענשען אָבצוגעבען זיין גאַנצע צייט פאַר דער רעדאַקציאָן פון „פריינד“ און פאַר דער עדיוקיישאָנאַל אַרבייט. אויסער וואָס דער „פריינד“ וועט דאַן ווערען פיעל ענגער פערבונדען מיט דער עדיוקיישאָנאַל אַרבייט און סיי די עדיוקיישאָנאַל אַרבייט סיי דער „פריינד“ וועט דערפון פיעל געווינען, וועלען מיר ענדליך קענען אַוועקשטעלען די עדיוקיישאָנאַל אַרבייט אויף אַ מעהר פעסטערען און זיכערערען באָדען. זי וועט אויפהערען זיין אַ צופעליגע אַרבייט, וועלכע ווערט יעדעס יאָהר אָנגעפאַנגען פון דאָס ניי. זי וועט קענען געטהאָן ווערען מיט אַ סיסטעם און די ערפאַהרונג פון איין יאָהר וועט ניט געהן פערלאָרען פאַר דעם פאָלגענדען יאָהר.

## 10 טויזענד נייע מיטגלידער פאַר׳ן אַר. רינג.

האָט איהר געפרואווט צו רעדען מיט אייערע בעקאַנטע וועגען אָנשליסען זיך אין אַרבייטער רינג? — פרואווט נאָר און דערצעהלט זיי וואָס דער אַר. רינג איז, וואָס ער טהוט פאַר זיינע מעמבערס און איהר וועט זעהען ווי לייכט עס איז צו קריגען נייע מעמבערס.

# אַרבייטער רינג פּאָליטיק

ה. צפנת.

(פעליטאָן).

דער „פריינד" אָהן אַ רעדאַקטאָר. — וועט עס שאַדען די צירקולאַציע? — דאַרף מען לעזען צושריפטען? — אַ נייע ערפינדונג. — אונזער עמפּלאָימענט ביוראָ און ערפינדערס ביוראָ. — אַ פּרייז פאַר פינף ערפינדונגען. — אונזער פערוואַלטונג סיסטעם. — אַ מיטעל ווי אויפצוהערען צו צאָהלען בילס.

---

אונזער „פריינד" זאָל געזונד זיין איז געוואָרען אַ יתום, ניטאָ קיין רעדאַקטאָר, אַ קינד אָהן אַ טאַטען, און ווי אַלע קינדער אָהן אַ טאַטענס השגחה דאַרף מען אויף איהם גוט אויפפּאַסען, עס זאָל חלילה ניט ווערען קיין „קויפּער". נאָר אידען זיינען דאָך בני רחמנים און אונזערע אַרבייטער רינג מעמבערס זיינען דאָך עפּעס אַ טייל פון אידישען כלל, וועלען זיי שוין געוויס זעהן, אַז די צירקולאַציע פון „פריינר" זאָל חס ושלום ניט פאַלען. ווער ווייס, פיליכט איז אונזער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע טאַקי דעריבער גלייך אַרויס מיט אַ נייעם רוף פאַר נייע 10 טויזענד מעמבערס אין דיזען יאָהר. עס איז נאָר אַ פראַגע אויב דיזען יאָהר וועט גען. צביון אויף פרעגען זיין געלונגענע קשיה: וואָב עפּעס 10 טויזענד, פאַר וואָס ניט 20 טויזענד, 30 טויזענד און נאָך מעהר?

הכלל, אידען, ניט גע'דאגה'ט, דער אויפרוף פאַר נייע 10 טויזענד מעמבערס איז שוין דאָ, זאָל שוין זיין מיט מזל, אונזער צירקולאַציע וועט באַלד שטייגען, עפּעס אַ קלייניגקייט נייע 10 טויזענד לעזער! אָבער וואָס מאַכט עס אויס, וואו שטעהט עס אין אַלגעמיין געשריבען, אַז מען מוז לעזען יעדען נומער „פריינד"? אָט נעהמט, צום ביישפּיעל, די צושריפטען צו ברענטשעס וועגען פּראָטוירנאַל רייטס. מיינט איהר אַז אין יעדען ברענטש לעזט מען עס? מאַנכע ברענטשעס האָבען דאָס שוין לאַנג אויפגעגעבען. צושריפטען זיינען דאָך ניט קיין נאָטען, וואָס דער אַרבייטער רינג באַר לעזט און וואָס אונזער דיריגענט פּיראָזשניקאָוו וויל דוקא, אַז זיינע זינגערס זאָלען לעזען. נאַרישקייטען! אונזערע ברענטש דיריגענטען, די אָנהענגער פון קליינע צאָהלונגען, האָבען שוין לאַנג אויפגעהערט צו לעזען, איבערהויפּט ווען עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען פּראַטוירנאַל רייטס...

זייט איהר אַמאָל געוועזן אין אַ רעפאָרמירטען טעמפּעל? דער חזן זאָגט, און דער עולם ענטפערט אמן. אַ טהייערע ערפינדונג, מען זאָגט אַז עס שטאַמט פון דייטשלאַנד. מאַנכע פון אונזערע מעמבערס האָבען געמאַכט אַ בעסערע ערפינדונג, ב'לעבען, מען וואָלט דאָס געדאַרפט פּאַטענטירען אין וואַשינגטאָן. קומען צו מיטינגען און נעהמען אַן אנטהייל אין אַלע פראַגען איז צו פיעל אַרבייט ביי יעצטיגער צייט, ווען יעדע זאַך דאַרף ווערען געשפּאָרט, זיצט מען טאַקי גאַנץ פיין אין דער היים, און דעם טעמפּעל לאָזט מען איבער אין גאַנצען פאַר'ן חזן. נישקשה, דער חזן וועט שוין אַלעס אַטענדען... אבי מאַנכע בעהויפּטען, אַז צוליעב פּאָליטיקס לאָזט מען ניט איינפיהרען קיין רעפאָרמעס אין אַרבייטער רינג. די אויבען דערמאָהנטע רעפאָרמע האָבען שוין פיעלע אָנגענומען, אַלטע און יונגע ברענטשעס פּראַקטיצירען עס מיט גרויס ערפאָלג. איינינע פון אונזערע סיטי קאָמיטעס איז דאָס אַזוי געפעלען געוואָרען, אַז זיי דענקען עס ביי זיך אויך איינצופיהרען, זיי האָבען עס שוין פיעל מאָל פּראָבירט און זיי זאָגען אַז עס „אַרבייט" אויסגעצייכענט גוט.

ווען מיר רעדען שוין פון ערפינדונגען איז שוין בדאי צו דערמאָהנען, אַז עס וואָלט שוין געוועזן צייט איינצופיהרען אַן „ערפינדערס ביוראָ", ווי למשל אונזער „עמפּלאָימענט ביוראָ". שטעלט זיך פאָר ווי שעהן עס וואָלט געקלונגען דער נאָמען „דעם אַרבייטער רינג'ס ערפינדערס ביוראָ". די געגנער פון גרעסערע בילס דאַרפען זיך גאָר ניט שרעקען, מען קען דאָס אַזוי אַראַנזשירען אויף דיזעלבע „יסודות" זאָ צו זאָגען ווי אונזער „עמפּלאָימענט ביוראָ". ווי זאָגט דער רוסישער פּויער: „אי רי ציענג איז גאַנץ און דער וואָלף איז זאַט". אָט וואָס אַרט אייך, אַז מיר האָבען שוין צוויי יאָהר אַן „עמפּלאָימענט ביוראָ" און עס קאָסט אונז ניט אַ סענט? אַלעס וואָס מען דאַרף נאָר איז צו בעשטימען עס ביי אַ קאָנווענשאָן, די רעפערענדומס וועגען אַזעלבע זאַכען געהען שוין ווי געשמירט. פערגעסט זיך ניט וויפיעל ערפינדונגען געהען עס ביי אונז פערלאָרען און קיינער ווייס עס גאָר ניט, און גלאַט אַזוי, וואָרום זאָלען מיר טאַקי ניט ערמוטהיגען גוטע איינפעלע? וואָרום זאָל מען טאַקי אין אַזאַ צייט וואָס מען לערענט אונז טאָג איין און טאָג אויס, אַז קיין זאַך טאָר ניט געהן אין ניוועץ, אין אַ צייט וואָס יעדער קרעכץ פאַר די אינטערעסען פון פאָלק איז ווערט מיט גאָלד צו גלייך, זאָלען מיר אונזערע אייגענע ערפינדער אַוועקלאָזען גאָר אונבעמערקט? בקיצור מיר מוזען האָבען אַן אַרבייטער רינג ערפינדערס ביוראָ, מען דאַרף ניט וואַרטען ביז וואַנען די קאָנווענשאָן און רעפערענדומס וועלען עס בעשטעטיגען. אַ גוטע זאַך קען מען איינפיהרען אביסעל פריהער, איהר ווייסט דאָך. אַלזאָ, מיר גיבען אַ פּאָונטיין פען פאַר יעדע פינף נייע ערפינדונגען. מיר ווייסען אַז עס איז פיליכט שווער אַריינצונעהמען פינף נייע מעמבערס, אָבער מיט איינפעלע און פּלענער, וועלכער איר האָט עס ניט אין סטאָק אַוועלכען עס איז האַלבען דאָזען? אַלעס וואָס מיר ווילען יעצט בעטען איז, אַז איהר זאָלט אַריינשיקען די ריכטיגע סחורה. יעדער פּלאַן אָדער ערפינדונג מוז זיין גוט בעגרינדעט, אויב עס ענטהאַלט אַ רמז איז נאָך בעסער. ווי צום ביישפּיעל האָט אַ איד פון ניו דזשוירסי ערפונרען דעם פּלאַן פון אונזער „פּערוואַלטונג סיסטעם". זעהט ווי גרויסאַרטיג עס איז! ער האָט אויסגערעכענט וויפיעל נעכט עס איז דאָ אין אַ וואָך (די געגנער פון פּראַטוירנאַל רייטס זאָגען, אַז ער איז דער גרעסטער בעל חשבון, אַז ער קען בעסער רעבענען פאַר דר. רובינאָוו און עלדרידזש), האָט ער אויסגעפונען, אַז עס איז דאָ זעקס, דעם זיבעטען האָט ער געגעבען פאַר רוהע, ווי גאָט האָט געבאָטען. אַלזאָ, זעקס נעכט האָט גאָט געגעבען כדי עס זאָל זיין זעקס קאָמיטעס אין דער פּערוואַלטונג פון אַרבייטער רינג. מאַנכע צווייפלען אפילו צי מען דאַרף גאַנצע 6 קאָמיטעס, אָבער געהט „פּייט" אַ פּלאַן פון ניו דזשוירסי... דער איד שטעהט שטאָל און אייזען פאַר זיין פּלאַן, ער איז זעהר פּאַטריאָטיש געשטימט, פאַנגט זיך בעסער מיט איהם ניט אָן. אַז ער זאָגט זעקס קאָמיטעס, מוז מען מאַכען אַרבייט פאַר זעקס, און דאַמיט פאַסירט. אָדער נעהמט, למשל, אַן ערפינדונג פון אַן אַנדער אידען, וואָס ער איז אַ שטענדיגער מיטאַרבייטער פון „פריינד". זיין פּלאַן איז אָריגינעל און שאַרף. וועט איהר עס אָננעהמען, וועט איהר פערשפּאָרען, צאָהלען בילס אין גאַנצען, און אויב איהר גלויבט ניט, ציינט ער אייך אַ חשבון טאַקי שוואַרץ אויף ווייס. אַלעס וואָס מען דאַרף טהאָן איז צוזאַמענרעכענען וויפיעל עס קאָסט אייך אַ יאָהר פאַר די אַלע פאָנדס וואָס איהר צאָהלט אין אַרבייטער רינג, דען וויפיעל איהר ספּענט אַ יאָהר אין אייער גראָסערי, וועט איהר זעהן, אַז די פּראָפיטען וואָס דער גראָסערי מאַן מאַכט אָן אייך וועלען ריכטיג בלייבען צו צאָהלען אייערע בילס אין אַרבייטער רינג. אַ פּאָר סענט וועלען נאָך בלייבען, וועט איהר עס קענען געבען אייער קינד אויף „לאָלאַפּאָפּס". דאָס הייסט, ווען די גראָסערי וואָלט געוועזן אייער אייגענע, דאָס הייסט אַ קאָאָפּעראַטיווע. און איהר האָט אודאי פערפעהלט צו לעזען יענעם נומער „פריינר" און איהר צאָהלט נאָך אַלץ אייער ביל אין אַרבייטער רינג. ווירקליך אַ שאָד!

אידען, שעהמט זיך ניט, שיקט אריין אייערע פּלענער און ערפינדונגען אין אונזער „ערפינדונגס ביוראָ" וועלען זיי פאַרעפענטליכט ווערען אין „פריינד" און, ווי געזאָגט, פאַר פינף ערפינדונגען וועלען מיר געבען אַ פּאָונטיין פען אלס פּרייז. איילט זיך צו!

# נייע פרייהייטען הייסט נייע פליכטען

(א פאר ווערטער צו די פרויען פון ניו־יארק, וועלכע האבען געוואונען פאליטישע פרייהייט.)

הלל ראגאף.

יעדעס רעכט איז פערבונדען מיט א פליכט, פאר יעדע נייע פרייהייט וואס א מענש בעקומט, מוז ער בעצאהלען מיט אן אויפגאבע. עס האט שוין פאסירט אין דער געשיכטע דאס פעלקער און קלאסען האבען פערלארען זייערע געוואונענע פרייהייטען דערפאר וואס זיי האבען פערפעהלט ריזען פרינציפ צו אנערקענען. בלויז די יעניגע וואס בעווייזען אז זיי וויסען ווי צו שעצען און ווי צו בעצאהלען פאר געוואונענע רעכטע, בעזיצען זיי אויף שטענדיג.

מיר זאגען עס אנטקעגען די ערשט ערווארבענע פאליטישע פרייהייט פון די פרויען אין ניויארק סטייט. דער זיעג פון די פרויען, מוז מען צוגעבען, איז געווען ניט קיין נאטירליכער. קיינער האט זיך ניט פארגעשטעלט דאס אין דעם קאנסערוואטיווען סטייט ניו־יארק וועלען זיי אזוי שנעל און אזוי לייכט זייער ציעל עררייכען; און עס איז קיין צווייפעל ניט דאס אונטער נארמאלע צושטענדען וואלט עס ווירקליך היי־יאהר ניט געשעהן. די מלחמה, וועלכע האט איבער נאכט פערוואנדעלט די פינסטערע רוסלאנד אין דער פרייסטער לאנד אין דער וועלט, האט אויך פערוואנדעלט די קאנסערוואטיווע ניו־יארק, דעם קאפיטאל־פערשקלאפטען סטייט, אין א פאליטיש פרייען. דאס איז געווען א מין נס. אהייא סטייט, וועלכע האט זיך אימער גערעכענט פאר איינעם פון די ראדיקאלסטע אין לאנד, האט פרויען־שטימרעכט געשלאגען מיט אן אונגעהייער גרויסע מאיאריטעט; און ניו־יארק האט אין דעם זעלבען עלעקשאן פרויען־שטימרעכט גוטגעהייסען אויך מיט אן אונגעהייער גרויסע מאיאריטעט!

אין דעם קאמפף פאר פאליטישע רעכט האבען זיך בעטהייליגט א פערהעלטניסמעסיג קליינע צאהל פרויען. דאס איז אימער דער פאל. אבער די פרייהייט איז געגעבען געווארען אלע פרויען. און די פליכטען וואס דיזע פרייהייט בריינגט, פאלען אויף אלע פרויען גלייך, און יעדע פון זיי וואס שעצט די פרייהייט וועט מוזען איהרע פליכטען פינקטליך און עהרענהאפט און פעהיג ערפילען.

אין וואס בעשטעהען די פאליטישע פליכטען פון א פרייען בירגער, דאס הייסט פון אזא בירגער וואס האט דאס רעכט צו וואוטען? בעשטעהען זיי בלויז אין געהן יערען עלעקשאן טאג צום שטימקאסטען און אריינווארפען זיין באלאט אין באקס? אזוי מיינען פיעלע; און דאס איז די הויפט אורזאכע ווארום אונזער פאליטישער לעבען איז אזוי ווייט פון דאס וואס עס האט געדארפט זיין. צווישען די מענער וואוטערס ווערט אבער דיזער פעהלער ביסלעכווייז אויסגעהיילט. וואס א יאהר ווייטער ווערען די מענער וואוטערס ערנסטער און פערשטענדליכער אין זייערע בעציהונגען צו פאליטיקס. אזוינע קארופטע אדמיניסטריישאנס ווי מיר פלעגען אמאל האבען, ספעציעל אין די גרויסע שטעדט, זיינען איצטער אונמעגליך. דאס איז דערפאר, ווייל דער דורכשניטליכער וואוטער געהט שוין ניט איצטער, ווי דאן, צום שטימקאסטען ווי א בלינדער, ווייל דער דורכשניטליכער וואוטער ווייס מעהר אדער ווייניגער וואס ער וויל מיט זיין וואוט אויפטהאן, ווייל דער דורכשניטליכער בירגער האט א געוויסען פאליטישען בעוואוסטזיין דעם גאנצען יאהר.

די נייע פרויען וואוטערינס וועלען די ערשטע זאך מוזען לערנען צו פערשטעהן וואס פאליטיק איז, וואס רעגיערונג איז. עס פערשטעהט זיך דאס זיי האבען אן אלגעמיינעם בעגריף וועגען דעם; אבער מיט ווייניג אויסנאהמען איז דיזער בעגריף צו אלגעמיין אז זיי זאלען אויף איהם קענען בויען. אן אינטעליגענטער וואוטער מוז וויסען וואס די רעגיערונג אין אלגעמיין און וואס די פערשיעדענע בעאמטע ספעציעל קענען אויפטהאן פאר דער געזעלשאפט. ער מוז וויסען וואס ער קען ערווארטען פון יעדען פערטרעטער וועלכען ער שיקט אין רעגיערונגס עמטער; און ווען די רעגיערונג טהוט עטוואס געגען זיינע אינטערעסען מוז ער וויסען אויף וועמען די פעראנטווארטליכקייט צו לייגען.

מיט אנדערע ווערטער הייסט עס דאס די ערשטע זאך, מיט וועלכע די נייע וואוטערס מוזען זיך גענוי בעקענען, איז מיט דעם געבוי פון אונזער רעגיערונג, מיט דער קאנסטיטוציאן פון די פעראייניגטע שטאאטען, מיט דער קאנסטיטוציאן פון דעם סטייט און מיט די גרונד־פרינציפען פון דער סטייט רעגיערונג, דעם טשארטער הייסט עס; פון ניו־יארק.

דאס איז אבער ניט גענוג. דער וואוטער מוז אויך וויסען די בעדייטונג פון די פאליטישע פארטייען, מיט זייערע פראגראמען, זייערע ציעלען, זייערע פרינציפען. דערצו פאדערט זיך ניט קיין גרויסע לומדות. דער וואס האלט די אויגען אפען, הערט וואס די פארשטעהער פון די פערשיעדענע פארטייען זאגען ביי די מעהר וויכטיגע אנגעלעגענהייטען, קוקט זיך צו דאס וואס די ערוועהלטע פון די פערשיעדענע פארטייען טהוען אין זייערע עמטער, קען זיך מיט דעם עצם פון די פארטיי פרינציפען גוט בעקענען. נאטירליך, בעסער איז די זאך גרינדליכער אויסצושטודירען, לעזען איבער דעם ווערק, אדער הערען איבער דעם לעקטשורס פון מענשען וואס האבען די פראגע גרינדליך אויסגעפארשט. דארויף פאדערט זיך מעהר צייט און מעהר אויפמערקזאמקייט. די וואס קענען עס בעווייזען, דארפען עס געווים טהאן.

אבער וויכטיגער פיליכט ווי די צוויי דערמאנטע פונקטען איז דאס פאלגענדע: די פרויען וואוטערס מוזען זיך בעקענען מיט די ברענענדע פראגען פון טאג און די בעציהונגען פון די פערשיעדענע פארטייען צו דיזע פראגען. די דורכשניטליכע פרוי וואס לעזט א צייטונג, זוכט דארטען די נייעס און די ארטיקלען וועלכע האבען צו טהאן מיט דעם וואס מען רופט פערזענליכע אדער פאמיליען אנגעלעגענהייטען. די ברייטערע זאכען לאזט זי אויס. זי לעזט ווייניג פאליטישע נייעס, געזעלשאפטליכע נייעס, ארטיקלען איבער פאליטישע און עקאנאמישע פראגען האלט זי אלס ניט אין איהר ליין. שולדיג אין דעם איז נאטירליך געווען איהר פאליטישע שקלאפעריי. צו וואס זאל זי לעזען איבער דיזע פראגען אז זי האט אין זיי סאי ווי סאי קיין שום מאכט ניט, קיין שום דעה ניט. עס וועט געדויערען צייט, איידער די פרויען וועלען זייער געוואהנהייט ענדערען. פאר מענשען וואס לעזען קיינמאל ניט קיין פאליטישע און עקאנאמישע ארטיקלען, קומען יענע ארטיקלען אויס שרעקליך טרוקען, און אטרוקענע זאך איז שווער אין מויל צו נעהמען. עס וועט זיך פאדערען א געוויסע אנשטרענגונג פון זייער זייט זייער געוואהנהייט צו ברעכען. אבער פריהער אדער שפעטער וועלען זיי עס מוזען טהאן, און וואס פריהער איז נאטירליך בעסער. זאלען די פרויען וויסען אז אט דיעזע פראגען, וועלכע שיינען זיי צו זיין גאר אהן טעם, זיינען פון סאמע העכסטען אינטערעס און האבען א בעזונדערס גוטען טעם. מען דארף נאר צו דעם, ווי צו אלעם וואס איז ניי, זיך צוגעוועהנען.

מיר גלויבען ניט דאס די פרוי דארף ענטוויקלען א ספעציעלע פעלד אין פאליטיקס. מיר גלויבען ניט דאס עס זיינען דא פאר דער פרוי וואוטער אנדערע אויפגאבען ווי פאר דעם מאן־וואוטער. דאך איז עס אמת אז געוויסע רעפארמס, העכסט נויטהיגע רעפארמס, וועלען דער פרוי'ס אויפמערקזאמקייט צוציהען פיעל שנעלער און פיעל שטארקער ווי דעם מאן'ס. עס איז א פאקט, דאס דורך דעם וואוט פון די פרויען אין געוויסע סטייטס אין די וועסט, איז עס געלונגען דיזע רעפארמען דורכצופיהרען. עס וועט ניט שאדען אז די נייע פרויען וואוטערס אין ניו־יארק זאלען זיך מיט דיזע רעפא־מען בעקענען און זאלען

אָנפאַנגען אַ שטאַרקע בעוועגונג פאַר זיי. זאָלען ריזע רעפאָרמען זיין זייער ערשטע ביישטייערונג צו דעם פּראָגרעס דורך פּאָליטיק; זאָלען דיזע רעפאָרמען זיין די ערשטע אמת'ע בעלוינונג צו דעם סטייט פאַר די פרייהייט וואָס ער האָט זיי געגעבען.

וואָס זיינען דיזע רעפאָרמען? אַלע אויסרעכענען זיי קענען מיר דאָ ניט. מיר וועלען דערמאָהנען איינינגע בלויז.

1) מינימום ווייזשעס פאַר פרויען אַרבייטער. דיזע רעפאָרמע איז נאָך אַ לאַנגען קאַמפּף אָנגענומען געוואָרען אין אָרעגאָן סטייט דורך דער פּראָפּאַגאַנדאַ און די וואוטס פון די פרויען וואוטערס אין יענעם סטייט. די קאַפּיטאַליסטען האָבען געטרייט דעם געזעץ צו פערניכטען דורך אַפּיעלס אין די סטייטס־און אין די נאַציאָנאַלע קאורטס, אָבער זיי האָבען פערלאָרען. ניט לאַנג צוריק האָט זיך דער קאַמפּף געענדיגט מיט דעם אורטייל פון דעם סופּרים קאורט אין וואַשינגטאָן, אַז דער געזעץ איז ניט געגען דער קאָנסטיטוציאָן.

אין די איבעריגע סטייטס וואו די פרויען האָבען שטימרעכט דאַרף עס ניט זיין שווער איצטער דעם געזעץ דורכצופיהרען. די פרויען דאַרפען עס נאָר ווען, זיי דאַרפען נאָר קלאָהר מאַכען די פאָרשטעהער אונזערע אין אָלבאַני אַז זיי פאָדערען אַזאַ געזעץ און אַז די יעניגע אַסעמבלימען און סענאַטאָרס וואָס וועלען שטימען געגען דעם וועלען זיי מוזען חשבון אָבגעבען, און עס איז קיין צווייפעל ניט דאָס די רעפאָרמע וועט שנעל דורכלויפען ביידע הייזער אין דער לעדזשיסלייטשור.

2) פענסיאָנען פאַר אלמנות און יתומים. מיר האָבען אַ שטיקעל געזעץ וועגען פענסיאָנען פאַר אלמנות וואָס האָבען קליינע קינדער; אָבער ער האָט אַ קליינעם ווערט. דער געזעץ איז געמאַכט געוואָרען פון יוצא וועגען און האָט אַזאַ פנים. די פרויען וואוטערס דאַרפען עס מאַכען פאַר זייער זאַך, צו צווינגען די געזעצמאַכער אין אָלבאַני דורכצופיהרען אַ גרינדליכען געזעץ וועגען דעם, אַ געזעץ וואָס זאָל פערזיכערען די עקזיסטענץ און די היימען פון יעדע פאַמיליע וואָס פערלירט איהר ברויט־געבער.

3) שטרענגע געזעצע געגען קינדער־אַרבייט. די איצטיגע געזעצע וועגען דעם אין אונזער סטייט זיינען פול מיט פעהלערן, וואָס מאַכען מעגליך פאַר בעלי בתים זיך אויסצודרעהען פון זיי אָהן אַ שטראָף.

עס איז דאָ נאָך איין פּונקט וועגען די פליכטען וואָס די פרויען וואוטערס זאָלען מוזען אויף זיך נעהמען. זיי וועלען מוזען ווערען פאַרטיי מענשען, טהעטיג אין די אינערליכע פאַרטיי אַנגעלעגענהייטען, מעמבערס פון פּאָליטישע פאַרטייען.

אויף דיזע סאָרט טהעטיגקייט זיינען ניט אַלע פרויען פעהיג, אַזוי ווי ניט אַלע מענער זיינען אויף דעם פעהיג. דאָס איז אַ פראַגע פון טעמפּעראַמענט, פון נאַטור. מאַנכע מענשען האָבען ליעב זיך צו בעשעפטיגען מיט דיזע סאָרט אַרבייט און מאַנכע האָבען עס ניט ליעב. ביי די פרויען פון די אָרימערע קלאַסען איז דאָס אויך אַ פראַגע פון צייט. עס איז שווער פאַר זיי צו פערלאָזען די הויז אַן אבענד צו געהן צו מיטינגען אבי צו טהאָן אָרגאַניזאַציאָנס אַרבייט. וויכטיג איז אָבער אַז זיי זאָלען עס אָנמערקען אַלס אַ פליכט וועלכע זיי מוזען ערפילען ביי דער ערשטער בעסטער געלעגענהייט, אַ פליכט וועלכע זיי מוזען ערפילען ווען זאָגאַר זי איז זיי ניט אַזוי בעקוועם, ניט אין גאַנצען צום האַרצען.

# וויע צו עפענען אַ מאָדערנע אידישע שול

י. לעווין.

## די אויפגאַבע פון דער אידישער שול.

די אויפגאַבע פון דער אידישער שול איז אַ צווייעגדיגע: ערשטענס, געבען דעם קינד אַ רייהע נויטיגע אידישע ידיעות און צווייטענס — געבען איהם אַ געוויסע אידישע ערציהונג. און וויל מען די אויפגאַבען זייערע אויסדריקען קאָנקרעט און דעטאַלירט, דאַרף מען זיי פאָרמולירען אַזוי:

1. דאָס קינד דאַרף זיך אין דער אידישער שול אויסלערנען גוט לעזען אידיש, שרייבען ריכטיג און גוט אויסלעגען זיינע געדאַנקען אין אידיש. 2) עס דאַרף דאָרט דורך נויטיגען און פּאַסיגען לעזע־מאַטעריאל בעקאָנען זיך מיט'ן לעבען פון די אידען, בעזונדערס פון די אידישע מאַסען אין אַמעריקאַ און אין אַנדערע לענדער — מיט זייערע מנהגים און זיטען, מיט זייער אַרט מאַכען אַ לעבען, מיט זייערע אידעאַלען און שטרעבונגען. 3) עס דאַרף, לויט די בעסטע און פאַר'ן קינד צוגענגליכע מוסטערן בעקאָנען זיך מיט די שאַפונגען פון דעם אידישען פאָלק, מיט זיין ליטעראַטור, סיי נייער, סיי אַלטער, ריכטיגער — מיט דאָס בעסטע, וואָס עס איז פאַרהאַן אין דער אידישער ליטעראַטור. 4) דאָס קינד דאַרף זיך בעקאָנען מיט דער געשיכטע פון דעם אידישען פאָלק, דער אַלטער און בעזונדערס דער נייער. אַ פּראָמינענטען אָרט דאַרף דערביי פערנעהמען די געשיכטע פון די אידען אין אַמעריקע. 5) דאָס קינד דאַרף זיך אויסלערנען זינגען אידישע ליעדער — סיי פאָלקס ליעדער און ניגונים, סיי לידער פון אונזערע בעסטע דיכטער — אַ זאַך וואָס וועט איהם געבען אַ מעגליכקייט אויף אַ שעהנעם אופן אויסצודריקען זיינע געפיהלען און פריידען און ליידען. 6) די אידישע שול דאַרף אויך ענטוויקלען ביים קינד די בעסטע געפיהלען: דאָס געפיהל פון יושר און גערעכטיגקייט; פון ליעבע צו פרייהייט; פון אכטונג צון קעמפּפער פאַר פרייהייט און גערעכטיגקייט. זי דאַרף ענטוויקלען אין'ם קינד דעם אידעאַליזם, וועלכער דריקט זיך אויס אין'ם שטרעבען צו געזעלשאַפטליכער העלדישקייט און אָפּפערוויליגקייט. איבער דער גאַנצער ערציהונג אין דער אידישער שול דאַרף שוועבען דער גייסט פון פרייהייט. 7) די אידישע שול דאַרף אויך ענטוויקלען ביים קינד דאָס געפיהל פון שענקייט: פון בענעהמען און ווערען בעגייסטערט פון אַלץ וואָס איז שעהן.

די לעצטע צוויי אויפגאַבען זיינען, אמת, ניט קיין ספּעציעל אידישע, נאָר אַלגעמיינע. אָבער אין דער פּאָבליק סקול און בכלל אין דער שול אין אַמעריקע ווערט אויף זיי געלעגט זעהר ווייניג אכט; די אידישע שול מוז אויף זיך דעריבער נעהמען צו דערגענצען די ערציהונג פון'ם אידישען קינד אין דער הינזיכט, ווייל אָהן דער געהעריגער ענטוויקלונג פון דעם עטישען און עסטעטישען געפיהל קאָן די ערציהונג פון דעם אידישען קינד בשום אופן ניט פערדעכענט ווערען פאַר פולשטענדיג.

פאַראַן אידען, וועלכע געפינען נאָך פאַר נויטיג צו געבען זייערע קינדער אַ רעליגיעזע ערציהונג. אַזוינע עלטערען גיבען זייערע קינדער לערנען אין די רעליגיעזע תלמוד־תורות. ווען מיר רעדען אָבער וועגען אידישע שולען, פערשטעהן מיר דאַביי אַזוינע שולען, וועלכע זיינען פריי און ריין פון רעליגיעזיטעט; ניט נאָר פון רעליגיעזען פאַנאַטיזם נאָר פון רעליגיעזען ערציהונג און אונטערריכט בכלל. די מאָדערנע אידישע שול האָט ניט די אויפגאַבע צו קעמפּפען מיט גאָט, צו בעקעמפּפען רעליגיעזיטעט; זי איז אָבער געגען ענטוויקלען דאָס רעליגיעזע געפיהל און בעזונדערס די פּראַקטישע רעליגיעזישקייט. די מאָדערנע אידישע שול, וועלכע דאַרף בעפרידיגען די בעדערפענישען פון די פרייע אידישע אַרבייטער־מאַסען, קאָן נאָר זיין אַ פ ר י י ע ש ו ל.

## ווער דאַרף און קאָן אויף זיך נעהמען צו גרינדען אַ אידישע שול?

יעדער אידישער פאָטער און מוטער זיינען פּעראינטערעסירט אין אַ אידישער שול פאַר זייערע קינדער. יעדער אידישער גע־

זעלשאפטליכער טוער, אין בעזונדערס ארכייטער־טוער, וועל־כער פערשטעהט די בעדייטונג פון פרייע אידישע שולען צו ערציהען א געזונטען ענטוויקעלטען און פרייען אידישען דור, איז פעראינטערעסירט אין אידישע שולען. יעדע גרופע אידי־שע עלטערען און געזעלשאפטליכע טוער דארפען דעריבער און קאנען נעהמען אויף זיך צו ארגאניזירען א אידישע שול.

ביי אנדערע פעלקער איז די שול ניט קיין פריוואטע זאך: די מלוכה, רער שטאט אדער די שטאדט בעזארגען שוין אלע קינדער מיט שולען. קיין אידישע מלוכה־שול אדער שטאדטי־שע שול איז אבער ביז איצט נאך ניט פארהאן. ארגאניזירען אידישע שולען מוז דעריבער זיין די זאך פון פריוואטער איני־ציאטיווע, פון גרופען עלטערען און טוער.

אמבעסטען אבער זיינען פערשיעדענע אידישע ארגאניזא־ציעס צוגעפאסט צו נעהמען אויף זיך די דאזיגע איניציאטיווע, און די ברענטשעס פון ארבייטער רינג, וועלכע זיינען אין דער גרעסטער צאהל פעלען די אמבעסטען ארגאניזירטע ארבייטער־קערפערשאפטען אין אלע אידישע שטעדט און שטעדטלעך אין אמעריקא, קאנען בעסער איידער אנדערע נעהמען אויף זיך די דאזיגע איניציאטיווע.

די מאדערנע אידישע שול איז אן אינסטיטוציע פאר אלע אידישע קינדער. זי קאן ניט מאכען קיין אויסנאהמען ביים ארייננעהמען קינדער. זי קאן אויך ניט און דארף ניט ווערען קיין מאנאפאל פון וועלכער עס איז ארגאניזאציע. פערשיע־דענע ארגאניזאציעס, וועלכע קאנען זיך נאר צוזויפרעדען וועגען דער פראגראם פון דער שול, קאנען זיך פעראייניגען ביים גרינדען א אידישע שול. די ארבייטער רינג ברענטשעס קאנען אויף זיך אין פערשיעדענע ערטער נעהמען די איניציאטיווע צונויפצושטעלען פון פארשטעהער פון פערשיעדענע ארגאני־זאציעס און גרינדען א ש ו ל ־ פ ע ר א י י ן, וועלכען עס זאל איבערגעגעבען ווערען די גרינדונג פון דער שול.

עס פערשטעהט זיך, אז אן ארבייטער־רינג ברענטש קאן אליין אויף זיין אייגענער אחריות אויף גרינדען א שול, בעזונ־דערס ווען ער איז גענוג גרויס און שטארק אויסצוהאלטען זי. אבער געוועהנליך איז דאס א צו שווערע אויפגאבע פאר איין ברענטש. עס איז דעריבער ראטזאם אין די ערטער, וואו עס זיינען פארהאן עטליכע ארבייטער־רינג ברענטשעס, זיי זאלען זיך צונויפרעדען צוזאמען וועגען דעם און זאלען אויך אנדערע ארבייטער ארגאניזאציעס צוציהען צו דער זעלבער ארבייט.

מען מוז אויך בעמערקען, אז אין גרעסערע צענטערן איז א שול בעגרעניצט מיט א געוויסען שטח. קינדער קאנען ניט זעהר ווייט געהן אין שול. א שול קאן דעריבער האבען נאר א געוויסען תחום, און מען דארף דעריבער רעכענען געוועהנליך אויף דער שטיצע פון די ארגאניזאציעס פון דעם תחום.

עס איז אויך זעהר ווינשענסווערט צוציהען אין'ם שול־פעראיין די עלטערען פון די קינדער, וועלכע הויבען זיך דורכדעם מעהר אן צו אינטערעסירען מיט דער שול.

### וואס דארף מען האבען אויף צו גרינדען א שול?

כדי דער שול־פעראיין אדער די ארגאניזאציע זאל קאנען צוטרעטען צו דער ערעפנונג פון א שול, איז ערשטענס נויטיג, צו האבען א געוויסען פאנד, ווענינגסטענס פון 150—200 דא־לער. די דאזיגע סומע איז נויטיג אויף דער ערשטער צייט, ביז עס וועט אנהויבען אריינצוקומען שכר־לימוד פון די קינדער און די איינצאהלונגען פון די מיטגליעדער פון שול־פעראיין, בכלל ביז די ארבייט אין דער שול שטעלט זיך איין. די סומע קאן מען בעקומען דורך בייזשטייערונגען פון ארגאניזאציעס, דורך זאמלונגען צווישען די מיטגליעדער פון דעם שול־פעראיין און פון די ברענטשעס אדער דורך א ספעציעלער אונטערנעהמונג.

צווייטענס, איז נויטיג א פאסיגע דירה. פאר א שול זיי־נען אפט געוועהנליכע צימערען און אפילו קלוב צימערען ניט פאסיג. און צו דער דירה זיינען נאך נויטיג שול־בענק און אנ־דערע נויטיגסטע שול־מכשירים. אין אייניגע ערטער, וואו די אידישע מיטגליעדער פון דער באארד אוו עדיוקיישאן שטעלען זיך ניט דאגעגען, גיט זיך אמאל איין צו בעקומען צום לערנען — און ס'פערשטעהט זיך, אז אומזיסט — געוויסע קלאסען אין א פאבליק סקול. נעהמענדיג אין אנבעטראכט, אז די מאדערנע אידישע שול איז פריי פון רעליגיעזען אונטערריכט, איז ניטא קיין אורזאך, פאר וואס די באארד אוו עדיוקיישאן זאל ניט ערלויבען צו בענוצען די קלאסען פאר א אידישע שול. א פאבליק־סקול צום לערנען וואלט איינגעשפארט דירה געלט; די ערשטע צייט, כל זמן די קינדער האבען נאך קיין צייט ניט געהאט צו־צוביינדען זיך צו דער אידישער שול און זי ליעב בעקומען, קאנען די אידי־שע קלאסען, זייענדיג אין א פאבליק סקול, ארויסרופען מעהר רעספעקט צו די אידישע לימודים. אבער האבען אן אייגענע דירה, אן אייגען הויז פאר דער אידישער שול איז אין פיעלע הינזיכטען בעקוועמער. מען פיהלט זיך דארט פרייער. די צייט וואס מען קאן זי אויסנוצען איז ניט בעגרענעצט מיט א פאר בעשטימטע שטונדען, ווי אין א פאבליק סקול. מען קאן דארט אויך איינ־ארדנען געוויסע פייערונגען און ימים־טובים פאר די קינדער. די שטרעבונג פון יעדער אידישער שול דארף דעריבער זיין צו האבען אן אייגען הויז, אן אייגענע היים.

די דריטע נויטיגע זאך איז — א לעהרער. אין דער הינ־זיכט וועלען די שולען בעגעגענען בעדייטענדע שטערונגען. עס איז נאך ביז היינט ניטא ביי אונז קיין אינסטיטוט, וואס זאל צוגרייטען לעהרער פאר די אידישע שולען. די אידישע לעהרער פלעגען ביז איצט מייסטענס ווערען רעקרוטירט פון ארבייטער, געוועזענע אינטעליגענטען פון דער היים, פון רוסלאנד, אדער פון לעהרער פון תלמוד־תורות, וועלכע האבען איינגעזעהען די אונדאנקבארקייט פון זייער ארבייט דארטען, וואו זיי קומט אויס נאר „צו האקען האלץ", און האבען בעשלאסען צו ווידמען זייער ארבייט דער אידישער שול. עס זיינען צווישען די לעהרער פאר־האן אויך אייניגע, אבער זעהר ווענינע, וואס זיינען שוין אין רוסלאנד געוועזען לעהרער פון אידיש אדער אלגעמיינע געגענ־שטאנדען אין שולען. עס וואלט זיין לייכטער צו קריגען לעה־רער, ווען די אידישע שולען וואלטען זיך עפענען אנהויב סעזאן, סוף זומער.

### די פראגראם פון שול.

ווען עס ווערט בעשלאסען צו עפענען א שול, דארף מען זיך צוערשט צונויפרעדען וועגען דער צייט פון לערנען.

היינט צו טאג זיינען פארהאן אידישע שולען, וואו מען לערנט נאר שבת און זונטאג, ווען די קינדער זיינען פריי פון פאבליק־סקול, און אויך אזעלכע, וואו מען לערנט מיט די קינ־דער צו דריי ביז פינף מאל א וואך, אין די וואכעדיגע טעג. א שבת און זונטאג־שול קאסט פיעל ביליגער, פערשטעהט זיך. מען קאן פאר איהם ביליג קריגען א פלאץ ערגעץ וואו אין א „פריפערעטארי" סקול, וואו מען לערנט אויך ניט שבת און זונ־טאג. דארטען זיינען שוין פארהאן גרייט ביינקלעך און אנ־דערע נויטיגע מכשירים. אין די צוויי טעג, ווען די קינדער זיי־נען פריי פון אנדערע לימודים, קאנען זיי זיך אפגעבען אינגאנ־צען צו די אידישע. אבער בעוויזען אויפצוטון בעדייטענדעס אין די שבת־זונטאג־שולען גיט זיך ניט איין. פון איין מאל לערנען ביז'ן צווייטען געהט אדורך א גאנצע וואך, און די קינ־דער, בעזונדערס די קלענערע, פערגעסען פון איין מאל ביז'ן צווייטען וואס זיי האבען געלערנט. יעדע אידישע שול שטרעבט דעריבער צו ווערען א טעגליכע שול.

אין א טעגליכער שול ווערט געוועהנליך געלערנט פון פיער (4) ביז האלב נאך זיבען (7.30) אדער ביז אכט. יעדעס קינד אבער לערנט נאר פון אנדערהאלבען ביז צוויי שטונדען יעדען טאג, אזוי אז עס קאנען זיין צוויי גרופעס קינדער: איין גרופע לערנט פון 4 ביז 5.45 און די אנדערע פון 5.55 ביז 7.45. ווען עס פעהלען אויס לעהרער, שטעלט מען איין אזוי, אז יעדעס קינד זאל לערנען נאר צו דריי מאל אין וואך, א טאג איבער א טאג. יעדער לעהרער קאן דאן, זייענדיג פערנומען זעקס טעג אין וואך, האבען פיער גרופען.

ווען די צייט איז בעשטימט, דארף מען זיך צונויפרעדען וועגען דער פראגראם. עס איז ווינשענסווערט, אז דער שול־פעראיין זאל ערוועהלען עטליכע מעהר קאמפעטענטע, אינטעלי־גענטע מענשען, וועלכע זאלען צוזאמען מיט די לעהרער אויס־ארבייטען די פראגראם. די זעלבע מענשען קאנען שפעטער,

געז די שול איז שוין איינגעשטעלט, צוזאַמענשטעלען — אלס צוגאָב צו די לעהרער — אַ פּעדאַגאָגען־ראַט, וועלכער וועט האָבען צו בעשטימען געוויסע פראַגען וועגען דער שול, וועגען צונעהמען לעהרער, וועגען איינאָרדנען ימים טובים פאַר קינדער א. ד. גל. דער פּעדאַגאָגען־ראַט מישט זיך אָבער געוועהנליך ניט אין די אינערליכע פּראַגען פון די קלאַסען. דער פּעדאַגאָגען ראַט בעשליסט וואָס צו לערנען, אָבער ניט ווי צו לערנען. דאָס לעצטע איז די זאַך פון יעדען לעהרער בעזונדער אָדער פון אַ לעהרער־ראַט, אויב עס זיינען פאַרהאַן עטליכע לעהרער.

כדי אויסצואַרבייטען די פּראָגראַם פאַר דער שול איז ראַטזאַם, אַז די וואָס האָבען די אויפגאַבע דאָס צו טהאָן זאָלען זיך פריהער בעקאָנען מיט דער פּראָגראַם פון אַנדערע אידישע שולען. אינגיכען וועט פיליכט פערעפענטליכט ווערען אַ מוסטער פּראָגראַם פאַר דער מאָדערנער אידישער שול און די פּעדאַגאָגען־ראַטען וועלען זיך קאָנען מיט איהר בענוצען, צופּאַסענדיג זיך צו די ארטיגע בעדינגונגען פון צייט.

איך וויל דאָ נאָר ארויסזאָגען אַ פּאָר ווערטער וועגען איין פּראָגראַם־פּראַגע, און דאָס איז וועגען לימוד פון דער העברעאישער שפּראַך. אָנהויבען לערנען העברעאיש גלייך פון אָנהויב מיט דעם ערשטען קלאַס איז שעדליך פאַר די קינדער, ווייל דאָס צוטומלט זיי און איז פאַר זיי צו שווער. אָבער אויך די גאַנצע ערשטע עטליכע יאָהר איז ניט כדי צו איינפיהרען אין די שולען דעם לימוד פון העברעאיש. די קינדער האָבען געוועהנליך זעהר וועניג צייט פאַר די אידישע לימודים און עס איז וווּנשענסווערט, אַז די גאַנצע צייט זאָל אָבגעגעבען ווערען אויף ענטוויקלען די קינדער און אויף געבען זיי פערשיעדענע אידישע ידיעות אין אידיש. די וויכטיגסטע שטעלען פון דער העברעאישער ליטעראַטור, וועלכע זיינען צוגענגליך פאַר קינדער און וועלכע מען דאַרף מיט די קינדער דורכגעהן, זיינען פאַרהאַן איבערגעזעצט אין אידיש. אויסערדעם נעהמט אָפּ דאָס העברעאיש, ווען מען פיהרט איהם איין, כמעט אַ העלפט פון דעם קינד'ס צייט, און דער דערזולטאַט פון דעם לימוד איז, אַז די קינדער קאָנען קוים עפּעס דורכלעזען און פּלאַפּלען עטליכע ווערטער, אַ זאַך, וועלכע איז אַבסאָלוט אוננוציג. ערשט ווען די קינדער געהען אָפּ אין דער אידישער שול דריי יאָהר און ווערען שוין גוט בעקאַנט מיט דער אידישער שפּראַך, איז מעגליך איינצופיהרען פאַר די קינדער, וואָס לערנען ווייטער, אַ קורס אין העברעאיש; און דאַן וועלען זיי אין איין יאָהר קאָנען בעווייזען מעהר אויפטון איידער אין די פריהערדיגע דריי.

די הויפּט געגענשטאַנדען, וועלכע ווערען געוועהנליך דורכגעגאַנגען אין דער מאָדערנער אידישער שול זיינען: 1) די אידישע שפּראַך; 2) אידישע לעגענדעס; 3) אידישע געשיכטע; 4) טיילען פון דער אידישער ליטעראַטור. און ווען די שול האָט העכערע קלאַסען, 4, 5, 6 און 7, ווערט דאָרט דורכגעגאַנגען אַ ברייטערער קורס פון אידישער ליטעראַטור, פון אידישער קאָמפּאָזיציע און פון אידישער געשיכטע.

פאַר די וואָס געהען עפענען אַ שול, איז אָבער הויפּטזעכליך נויטיג צו וויסען די פּראָגראַם פאַר די אָנפאַנגס קלאַסען.

## דער ביודזשעט.

די אידישע שולען זיינען היינט צו טאָג נאָך פּריוואַטע אינסטיטוציעס. זיי מוזען אויסגעהאַלטען ווערען אויפ'ן חשבון פון די וואָס זיינען פּעדאינטערעסירט אין דער אידישער שול — פון די עלטערען און פון פערשיעדענע אידישע אָרגאַניזאַציעס.

די פּאָבליק סקול געוועהנט איין די עלטערן צו קוקען אויף דער בילדונג פון זייערע קינדער ווי אויף אַ זאַך, וואָס מען בעקומט אומזיסט. אָפּט דעריבער קאָנען זיי זיך שווער צוגעוועהנען צום געדאַנק, אַז מען דאַרף צאָהלען פאַר זייערע קינדערס לערנען אין דער אידישער שול. דערביי פערגעסען די עלטערן, אַז די בילדונג, וואָס זייערע קינדער בעקומען אין די פּאָבליק סקולס, איז גאָר ניט קיין אומזיסטע; אַז די פּאָבליק סקולס ווערען אויסגעהאַלטען אויף דאָס געלט, וואָס יעדער פּאָטער צאָהלט דער שטאָדט אויף די סקולס אין דער פאָרם פון שטייערן. און ווען די עלטערען וועלען ניט צאָהלען פאַר דאָס לערנען פון זייערע קינדער אין דער אידישער שול, וועט דאָס זיין אַן ארט

פון פּישוט'ן צדקה נעהמען. אויסערדעם, ווען דאָס לערנען אין דער אידישער שול איז אומזיסט, איז די בעציהונג צו דער שול מצד די קינדער און מצד די עלטערען ניט קיין גוטע, בעזונדערס אין הינזיכט פון פּינקטליכקייט. ווען די מאַמעס ווייסען, אַז דאָס לערנען קאָסט זיי געלט, זעהען זיי שוין בעסער אויפצופּאַסען, אַז זייערע קינדער זאָלען ניט דורכלאָזען קיין לעקציעס. ביי אַן אומזיסטער שול, פערקעהרט, איז דער פּראָצענט פון אומפּינקטליכקייט זעהר אַ גרויסער.

לויט פערשיעדענע אויסרעכענונגען דאַרף מען אָננעהמען, אַז דאָס לערנען פון אַ קינד אין אַ טעגליכער אידישער שול קאָסט פון 2 ביז 3 דאָלאַר אַ מאָנאַט, אָפּהענגיג פון די קאָסטען פון דירה, פון דער צאָהל שילער (וואָס מעהר קינדער, אַלץ קלענער איז דער דורכשניטליכער קאָסטען פון אַ קינד) און פון דעם צי יעדעס קינד לערנט דריי צי פינף מאָל אין וואָך. איצט איז אַ שכר־לימוד איינגעפיהרט געוואָרען אין אַלע אידישע שולען. אין די טעגליכע שולען איז דער שכר לימוד 1—1.50 דאָלאַר אַ מאָנאַט, מייסטענס 1.50 דאָלאַר. געוועהנטליך אָבער דאַרף מען רעכענען, אַז אין דורכשניט צאָהלען איין אַ 75—80 פּראָצענט פון אַלע שילער, ד. ה. צו 1.20 דאָלאַר אַן ערך פון אַ שילער. דער שול־פעראיין דאַרף דעריבער רעכענען, אַז איהם וועט אויסקומען צו דערלעגען צו יעדען קינד פון 80 סענט ביז 1.80 דאָל. אַ מאָנאַט.

די ציפערען, וואָס איך האָב דאָ געבראַכט זיינען דורכשניטליכע. זיי קאָנען אין ערטער, וואו מען האָט אַן אומזיסטע דירה צ. ב. זיין אַ ביסעל קלענער. אין ערטער, וואו מען איז ניט שטאַרק אויסגערעכענט און מען בעזאָרגט די שול מיט מעהר נויטיגע בעקוועמליכקייטען און שול־מכשירים, ווי אַ שול־ביבליאָטעק פאַר קינדער און לעהרער, אָפּטערע פערוויילונגען, בעסער בעצאָהלטע לעהרער א. ד. גל. וועט דער קאָסטען פון יעדען קינד זיין אַ ביסעל העכער.

דעם אונטערשיעד צווישען דעם שכר־לימוד און דעם קאָסטען דעקט דער שול־פעראיין געוועהנליך דורך מיטגליעדער אָפּצאָהלונגען, דורך רעגעלמעסיגע איינצאָהלונגען פון אָרגאַניזאַציעס, דורך אונטערנעהמונגען און איינצייטיגע ביישטייערונגען.

עפענען און אויפהאַלטען אַ אידישע שול איז אַ גאַנץ שווערע און פעראַנטוואָרטליכע אָבער אין דער זעלבער צייט זעהר אַ דאַנקבאַרע זאַך. די אידישע שול שאַפט אַרום דעם קינד געוועהנליך אַ וואַרימע היימישע אַטמאָספער, וואו ער פערברענגט זיין צייט געוועהנליך מיט פערגעניגען. דאָס אידישע קינד בעקומט ליעב די אידישע שול און בינדט זיך דורך איהר מעהר צו צו זיינע עלטערען. עס הויבט אָן זיי מעהר צו אַכטען און צו ליעבען. עס פערשווינדט ביי איהם דורך איהר די גלייכגילטיגקייט אָדער אַפילו די פעראַכטונג, וואָס עס האָט אָפּט צו דער אידישער סביבה, וועלכע איז איהם געווען פרעמד, און זיי ווערען פערביטען מיט אַ טיעפען אינטערעס און מיט אַ טיעפער איבערגעבענקייט און ליעבע צו דער אידישער סביבה און צו זיינע אידישע עלטערען.

אין דערזעלבער צייט ענטוויקעלט די מאָדערנע אידישע שול ביי די אידישע קינדער די בעסטע מענשליכע געפיהלען פון יושר, פון פרייהייט, פון אָפּפערוויליגקייט צוליעב גוטעס, פון שענקייט. ער לעבט אין דער אידישער שול אין אַן אטמאָספער פון פרייהייט, פון גלייכהייט און פון ליעבע. די קינדער, וואָס געהען אין די אידישע שולען, שטעהען דעריבער ניט אין אַן ערך העכער סיי אין זייער ענטוויקלונג, סיי אין זייער אַרט האַלטען זיך און אויפפיהרען זיך איידער די קינדער, וואָס בעזוכען ניט די אידישע שול און וועמעס ערציהונג אויסער די פּאָבליק סקול איז די גאַס.

און יעדער איינער, וואָס קומט אין בעריהרונג מיט דער אידישער שול, פיהלט זיך געוועהנליך דערפרישט און דערהויבען און שעפּט אין איהר בעגייסטערונג פאַר יעדער געזעלשאַפטליכער ארבייט. די מאָדערנע אידישע שול איז אַ קוואַל פון געזעלשאַפטליכער ענערגיע סיי אין די קלענערע שטעדטלעך, סיי אין די גרויסע אידישע צענטרען. און עס איז זעהר וויכ[illegible]ערט, אַז די דאָזיגע לעבעדיגע קוואַלען זאָלען זיך מעהרען [illegible]רען.

# פראַגען פון קינדער-ערציהונג

אבטיילונג געפיהרט פון
האננאה ג. סאלוצקי.

## געוואוינהייטען ביים קינד און די נייגונג נאָכצואַהמען.

מען האָט אמאָל געפרעגט נאַפּאָלעאָנען: „ווען דארף מען אָנהויבען ערציהען דאָס קינד?" האָט ער געענטפערט: „מיט א יאָהר צוואנציג איידער די מוטער ווערט געבאָרען."

דאָס איז געוויס א קלוגער איינפאַל. ווען אונזערע באָבעס וואָלטען געווען גוט ערצויגען אונזערע מאמעס, און אונזערע מאמעס וואָלטען געווען געטהאָן דאָס זעלבע מיט אונז, וואָלטען אונזערע קינדער געקענט האָפען אויף א גאָר גוטער ערציהונג זייענדיג ביי אונז אין די הענט. אָבער צום בעדויערען האָבען זיך די פריהעריגע דורות גאָר ווינציג געקימערט וועגען ערציהונגס פראַגען. אמת, אַז גרויסע קעפּ האָבען שוין לאנג געקלערט וועגען דעם ענין און זאָגאַר געשריבען ביכער, אָבער די ביכער זיינען נור געלעזען געוואָרען פון די איינצעלנע געבילדעטע מענשען, און נור די וואָס האָבען זיך פאָרבערייטעט צו ווערען לעהרער האָבען געשטודירט פסיהאָלאָגיע און פעדאגאָגיק, די וויסענשאַפטען וואָס האָבען צו טהאָן מיט ערציהונג. היינטיגע צייטען, ווען די בילדונג איז געוואָרען אלגעמיין און כמעט יעדער איינער וואָס איז געבאָרען אין א ציוויליזירט לאנד קען לעזען און שרייבען, ווערען די וויסענשאַפטען, פּאָפּולאריזירט, אַזוי, אַז דאָס פאָלק זאָל קענען לעזען און זיך בענוצען מיט זיי. אויך די פראַגען פון קינדער־ערציהונג ווערען אלץ מעהר און מעהר דיסקוטירט אין זשורנאלען, ביכער און זאָגאַר צייטונגען און עלטערען וואָס ווילען נור, קענען געפינען גענוג קוועלען וואו צו בעקומען אויסקינפטע וועגען דעם, ווי זיי דאַרפען זיך בעגעהן מיט זייערע קינדער. מיט דער הילף פון די וויסענשאפטען קענען מיר זיך ווירקליך נעהמען פאַר דער בעוואוסטזיניגער ערציהונג פון אונזערע קינדער.

יעצט שטעהט אַלזאָ די פראַגע, ווען דאַרפען מ י ר, די עלטערען פון היינט, וועלכע קענען שוין די באָבעס ניט איבערמאַכען, אָנהויבען ערציהען אונזערע קינדער? דער ענטפער איז, אַז עס איז קיין מאָל ניט צו פריה. כמעט פון ערשטען טאָג קענען מיר האָבען א ווירקונג אויף דעם קינד דורך די געוואוינהייטען וואָס מיר ענטוויקלען ביי איהם. ווען איהר וועט דאָס קינד גלייך געוואָהנען צו עסען אין צייט, שלאָפען אין צייט און ניט „באדערען" אייך ווען איהם פעהלט קיין זאך ניט, וועט אייער קינד זיין געזונדער, זיינע נערוועז וועלען זיין שטארקער, און עס וועט סיי דער מוטער, סיי דעם קינד זיין גרינגער צו לעבען אויף דער וועלט. ווי נור אָבער איהר וועט „וויזען דעם קינד א וועג", דאָס נעהמען אויף די הענט, ווען עס וויינט, טאַנצען מיט דעם, אדומגעהן איבער דעם צימער און ד. גל., מאַכט איהר פון דעם קליינינקען א טיראַן. עס וועט אייך שוין ניט לאָזען צורוה, איהר דאַרפט שוין דערמיט טאַנצען, צי איהר ווילט, צי ניט. דאָס קינד ווערט קאפּריזנע, נערוועז און עס שפּיגעלט זיך אָפּט אָפּ אויף זיינע נערוועז און כאראַקטער אויף לאנגע יאָהרען. דעם קינד'ס מאַרך וואַקסט דאָס ערשטע יאָהר זעהר שנעל, דאָס גאנצע איבעריגע לעבען וואַקסט ער אויס נאָך איין מאָל אזוי פיעל ווי דאָס ערשטע יאָהר. ביי אַזא אָנגעשטרענגטער טהעטיגקייט פון דער נערוועזער סיטעם איז פון דער העכסטער וויכטיגקייט, דאָס קינד זאָל האָבען פאָלקאָמענע רוה דאָס ערשטע יאָהר, און דאָס קענט איהר נור ערדייכען, ווען איהר וועט דאָס געוואָהנען צו זיין רוהיג. ווען איהר טראָגט עס אַרום אויף די הענט און טאנצט מיט דעם, אָדער איהר וויגט עס, בערוהיגט איהר דאָס נור אויף אַזוי פיעל, אַז עס הערט אויף וויינען אויף א ווילע, זיינע נערוועז ווערען אָבער אויפגערעגט דערפון, און ווי עס איז שוין געזאָגט געוואָרען, ענטוויקעלט איהר אין איהם מיט אַזא „ערציהונג" אייך שלעכטע געוואָהנהייטען.

ווען דאָס קינד ווערט אביסעל עלטער דאַרפען מיר זעהן איהם פערהיטען פון אַנדערע שלעכטע געוואָהנהייטען. אַזוי, צום ביישפּיעל, דאַרפען מיר זיך היטען ניט אויפהויבען זיינע שפּיעלצייג יעדעס מאָל וואָס עס וואַרפט זיי אַרונטער. אמת, אַז דאָס קליינע קינד שליידערט זאכען ניט ווייל עס איז „שלעכט", עס קען נאָך דאָן בשום אופן ניט וויסען, וואָס מען מעג און וואָס מען טאָר ניט. ווען מיר וועלען אָבער די זאכען איין מאָל, צוויי מאָל אויפהויבען און מעהר ניט, וועט דאָס יונגע מוה'לע ענדליך בעגרייפען, אַז ווען מען וויל דעם פערגניגען פון אראָפּוואַרפען, דאַרף מען אויך נעהמען אויף זיך די אַרבייט פון צוריק אויפהויבען. אָפּט וועט איהר בעגעגענען שוין גאָר ערוואַקסענע קינדער, וואָס פערשאַפען זיך מיט דער מוטער, „דערלאנג מיר דאָס, טראָג מיר צו יענעס". איהר קענט גאָר ניט וויסען אויב אַזא בענעהמונג שטאַמט ניט פון שלעכטע געוואָהנהייטען אין די גאָר יונגע יאָהרען. איך קען א בחור פון 17 יאָהר, פאַר וועלכען די מאַמע האָט געציטערט זיין גאנץ לעבען, לויט איהר מיינונג האָט זי פאַר איהם געטהאָן אַלעס אין דער וועלט. יעצט, אַז עס פאַלט ביי איהם אַרונטער זיין בליישטיפט, הייסט ער דאָס דער מאַמען אויפהויבען. זי פיהלט זיך שטארק געטראָפען און בעליידיגט, זי פערשטעהט אָבער ניט, אַז דאָס האָט זי אליין איהם געפיהרט אויף אַזא דרך.

נאָך א וועג ווי צו ערציהען דאָס קליינע קינד איז צו ווירקען אויף זיין נאַטירליכער נייגונג אונז אַלעס נאָכצוטהאָן. פּיעלע דענקען, אַז עס איז גענוג לערנען דאָס קינד צו זיין „גוט". מען דאַרף דעם קינד נור זאָגען, אָדער שטרענג בעפעהלען צו טהאָן, ווי טאַטע־מאַמע ווילען און עס וועט שוין אויסוואַקסען א מענש. עס איז אָבער אביסעל דיזיקאַליש זיך צו פערלאָזען אויף דעם נס, אַז דאָס קינד וועט אונז פאָלגען צוליעב אונזער איינציגען פערדיענסט וואָס מיר האָבען זיי געבראַכט אויף דער וועלט. די וויסענשאַפט גיט אונז א פּיעל זיכערערען וועג, ווי אַזוי צו ווירקען אויף דעם קינד, אַז עס זאָל טהאָן דאָס, וואָס מיר האַלטען פאַר ריכטיג. עס איז א כלל, אַז דאָס קינד לערענט זעהר פּיעל דורך דעם, וואָס עס טהוט נאָך די עלטערע. דאָס מיינט אַלזאָ, אַז מיר דאַרפען זיך אליין בענעהמען אזוי ווי מיר ווילען די קינדער זאָלען זיך בענעהמען.

אויב איהר ווילט זיך איבערציינען ווי ריכטיג דער כלל איז, קוקט זיך צו, ווי קינדער שפּיעלען זיך. די אַמעריקאַנער קינדער שפּיעלען זעהר פּיעל „סקול", דאָס טהוען זיי נאָך די לעהרער, מיט וועלכע זיי קומען אין בעריהרונג יעדען טאָג. קינדער פון אידישע קלאָוקמאַכער, מענער שניידער און אַנדערע אַרבייטער, וועלכע האָבען דורכגעמאַכט וויכטיגע סטרייקס, שפּיעלען אָפט אין „סטרייקס", און ווען זיי וואַקסען אונטער, זיינען זיי גאָר ניט פויל צו ערקלעהרען אמאָל א סטרייק געגען די העכסטע אויטאָריטעטען אין סקול. אין לענדער, וואו עס זיינען פאַראַן גרויסע אַרמייען און די קינדער זעהען אָפּט מיליטער, שפּיעלען זיי אין סאָלדאַטען. מיידלעך שפּיעלען זיך פּיעל אין „הויז" אָדער „היים". ווען איהר הערט זיך צו, ווי זיי רעדען צווישען זיך, קענט איהר אייך זיכער זאָגען, פון וואָס פאַר א היימען זיי קומען. אויב די „מאַמע" פון דער שפּיעל וועט זאָגען צו איהר „קינד" „קום וועל איך דיר אויסבאָדען איידער דו געהסט שלאָפען, און פערגעס ניט גוט אויסצובערשטען דיינע ציינדלעך", מעגט איהר זיין זיכער, אַז דאָס קינד קומט פון א היים, וואו ריינליכקייט און היגיענע זיינען בעשטענדיגע איינוואָהנער. ווען די „ווייב" פון אַן אַנדער שפּיעל וועט זאָגען צו דעם „מאַן", איך קען שוין פון דיר ניט אויסהאַלטען, דו פערטרינקסט דיינע שכירות אַלע שבת און מיך מיט די קינדער לאָזט דו הונגערען", פערשטעהט מען די צרות, וואָס דאָס קינד זעהט אין איהר הים.

אַ קינד פון אַ יאָהר וועט אָפט שוין האָבען גענוג שכל צו עפענען אַ בוך און „לעזען", אויב עס זעהט דאָס פון די עלטערע, אָדער עס וועט פאָדערען אַ נאָזטיכעל און ווישען די נאָז, ווי די גרויסע טוען. ווי דאָס קינד הויבט אָן צו ריידען, וועט עס רופען די מאַמע פונקט די זעלבע נעמען, וואָס די מאַמע רופט דאָס. אביסעלע שפּעטער וועט דאָס קינד אָנהויבען בעמערקען, אַז די מאַמע האָט אַ טבע צו זיצען פערלעגט די הענט, און באַלד וועט דאָס יאויך טהאָן דאָס זעלבע. די מאַמע נעהמט אַ שמאַטע און ווישט אָרום דאָס מעבעל, דאָס קינד טהוט נאָך. די מאַמע שטעהט ביים שפּיעגעל און פאַרבט דאָס געזיכט, דאָס קינד קריגט נור אַ מעגליכקייט אַ באַפּ צו טהאָן די פאַרב און עס מאַכט זיך שוין אויך „שעהן" ביים שפּיעגעל. עס איז זעהר ניט ריבטיג, ווען מען קוקט אויף די אַלע זאַכען נור ווי אויף חכמות און מען זוכט ניט אויסצונוצען אָט דיעזע אייגענשאַפט פון קינד צו פערפאָלקאָמען זיין צוקונפטיגע פערזענליקייט.

ווען אַ טאַטע שרייט אויף דעם אינגעל און רופט איהם „לאופער", „שגץ", „אידיאָט", „אייזעל" און נאָך אַזעלכע ליעבליבע נעמען און דאַן איז ער שטאַרק ברוגז וואָס דאָס קינד וואַקסט אויס אַן עזות־פּנים, ווייסט ער איינפאַך ניט, אָדער ער וויל ניט וויסען, אַז דאָס האָט ער אַליין אויסגעלערענט דעם אינגעל, ווי צו בענעהמען זיך מיט מענשען. פּיעלע פרויען זיינען ניט קיין גרויסע בריה'ס, זיי וואָלטען אָבער זעהר וועלען, זייערע טעבטער זאָלען זיין ריין און ציבטיג. וואָס דאַרפען אַזוינע מאַמעס טהאָן? פּשוט צוליעב די קינדער זיך אַליין נעהמען אין דער האַנט און ווערען דאָס, וואָס זיי ווילען די טעבטער זאָלען זיין. אויב די מאַמע וועט ריין האַלטען איהר הויז, וועט דאָס קינד שייערען און רייניגען זיינע שפּיעלצייג, שפּעטער וועט עס דערצעהלען די אַנדערע קינדער, מיט וועלכע עס שפּיעלט זיך, ווי מען דאַרף זיין ציכטיג און, ווען עס וועט אויסוואַקסען, וועט ריינליכקייט פאַר איהם זיין אַן אַבסאָלוטע נויטווענדיגקייט. און אויב די מאַמע וועט אַליין־אימער געהן ריין און פּינקטליך אָנגעטהאָן, וועט די טאָכטער ניט דאַרפען קיין „לעקטשורס" וועגען דעם, אַז עס איז ניט שעהן צו טראָגען אַ יאַקעל מיט אָבגעריסענע קנעפּלאַך, אָדער צו געהן מיט צופּודעלטע האָאָר.

דאָס קינד טהוט נאַטירליך נאָך אויך אַנדערע ערוואַקסענע, ניט נור זיינע עלטערען. דעריבער איז עס ניט נור וויכטיג, אַז טאַטע־מאַמע אַליין זאָלען געבען דעם קינד אַ גוטען ביישפּיעל. מען מוז אויך אויפפּאַסען, דאָס קינד זאָל קומען אין דער ריבטיגער געזעלשאַפט. די מאַמע דאַרף דאָס מאַכען פאַר איהר אויפגאַבע צו קענען דעם קינדס חברים און צו וויסען פון וואָס פאַר אַ היימען זיי קומען. דאָס קינד מוז האָבען געזעלשאַפט, פונקט אַזוי גוט ווי אַ גרויסער. עס איז אַ פאַרברעבען דאָס צו האַלטען ביי דער „מאַמעס פאַרטוך", מען רויבט פון דעם קינד אויף אַזאַ אופן אַ גרויסען טייל פון זיין לעבענס־גליק. מען מוז אָבער תמיד אין זינען האָבען, אַז עס איז ניט גענוג, דאָס קינד זאָל זיך שפּיעלען מיט קינדער, עס איז אויך וויבטיג מיט וועלכע קנדער עס שפּיעלט זיך, און וועלבע קינדער עס בעזובט אין זייערע היימען. עס איז גאַנץ שווער פאַר אַ פערנומענער, פערהאָרעוועטער מוטער דאָס נאָכצופאָלגען, ווען זי פערשטעהט אָבער, ווי וויכטיג עס איז, אַז דאָס קינד זאָל פאַר זיך האָבען גוטע „סעמפּעלס", וועט זי זיך זוכען וועגען, ווי אַזוי אַליין צו ווייזען אַ ביישפּיעל, ווי צו ווירקען אויף די איבריגע ערוואַקסענע דאָס צו טהאָן, און ווי צו העלפען דעם קינד אויסקלייבען זיין געזעלשאַפט.

## די ראָלע פון דער מעשה'לע אין דער קינדער־ערציהונג.

במעט יעדעס קינד האָט ליעב מעשה'לעך. דאָס מעשה'לע איז זיין ליטעראַטור, און זיין טהעאַטער. דאָס ענטוויקעלט זיין געשמאַק, עס מאַכט רייך זיין פאַנטאַזיע, עס לערענט איהם, וואָס עס קומט פאָר אויף דער ווייסער וועלט. ווען מען דערצעהלט נאָך דאָס מעשה'לע ווי עס דאַרף צו זיין, מען מאַכט, למשל, פּינקטליך נאָך די חיות, וועלבע זיינען די העלדען פון גאָר פּיעלע קינדערשע געשיכטעלאַך; מען נעהמט דעם ריבטיגען טאָן בעשרייבענדיג פערשיערענע פאַסירונגען אַזוי, אַז דאָס קינד זאָל קענען זעהן דעם שטורם, דעם זונען אויפגאַנג, אָדער דעם בער'ס בעזוך ביי דער אַלטער באָבע און ד. גל. ווערט אויך דעם קינד'ס נאַטירליבע ליעבע צו דראַמאַ צופריעדען געשטעלט.

דורך גוט געשריעבענע מעשה'לעך לערענט דאָס קינד אויך די שפּראַך, דערצו איז אָבער נויטיג אויסצולערנען די געשיכטעלע אויף אויסווענדיג וואָרט פאַר וואָרט, אַזוי אַז דאָס קינד זאָל קריגען די שפּראַך פון שרייבער און ניט פון דער מוטער אָדער אַן אַנדער דערצעהלער, וועלכער קען גראָר זיין ניט קיין שפּראַך־קינסטלער.

עס זיינען אויך פאַראַן מעשות דורך וועלכע דאָס קינד לערענט נאַטור געשיבטע, ווייל עס האַנדעלט זיך וועגען פלאַנצען, וועגען פליגען, ווערים און וואָס ניט. אַנדערע געשיכטעס גיבען דעם קינד אַ בעגריעף וועגען היגיענע, וועגען דעם, ווי צו היטען דאָס געזונד. אַנדערע שרייבער זובען דורך מעשיות צו ענטוויקלען גוטע זיטען ביים קינד. עס איז גאָר קיין סוף ניטאָ צו אַלע נוצען וואָס דאָס קליינע מענשעלע קען בעקומען פון דער מעשה'לע. די הויפּט זאַך בלייבט אָבער אימער וואָס דאָס קינד קריגט דערפון פערגעניגען, דעם זעלבען פערגניגען, וואָס מיר האָבען פון ביכער און טהעאַטער. ווען אַ מעשה גיט ניט קיין פערגניגען, הערט מען זי פּשוט ניט אויס, און אַלע אַנדערע צוועקען פון דערצעהלער ווערען ניט ערדייכט. אָט צוליעב דעם וואָס מעשיות קענען שפּיעלען אַזאַ וויכטיגע ראָל אין דעם וואוקס פון דעם קינד'ס געדאַנק און נשמה, וועלען מיר אין דיעזער ערציהונגס־אַבטיילונג פון „פריינד" געבען יעדעס מאָל איינע אָדער מעהרערע געשיכטעלעך.

## דער האָז און די זון.

(אַן אינדיאַנער מעשה'לע)

איבערערצעהלט פון פאַניאַ וו. גלאַנץ.

אַן אַלטע פרוי, אַן אינדיאַנערין, האָט מיר אַ מאָל דערצעהלט אַ מעשה וועגען אַ האָז. אָט הערט זי אויס. אַ סך, אַ סך יאָהרען צוריק איז דער האָז ניט געוועזן אַזוי קליין, ווי ער איז איצט. פאַרקעהרט, ער איז געוועזן גרעסער פון אַלע חיות. און פלעגען זיך נאָר דערהערען זיינע שווערע טריט אין פעלד, פלעגען שוין די חיות, גרויס און קליין, צולויפען זיך און בעהאַלטען זיך, וואו נאָר זיי האָבען געקענט, אויס מורא.

יעדען פריהמאָרגען, ווי נאָר די נאַבט פלעגט פאַרשוואונדען און דער טאָג פלעגט זיך ווייזען אויפ'ן הימעל, פלעגט טאַוואָס — אַזוי רופען דעם האָז די אינדיאַנער — אַרויסגעהן אויף יאַגד: זיך יאָגען נאָך אַלערליי חיות, באַפּען זיי און אַליין זיי אויפפרעסען אָדער ברענגען זיי זיין מוטער אויף פרישטיק. און וואָס מעהר די חיות האָבען געציטערט פאַר איהם, אַלץ שטאַרקער און שטאָלצער איז ער געוועזן ביי זיך. נאָר איין זאַך פלעגט איהם פאַרדריסען. יעדען פריהמאָרגען, ווען ער פלעגט אַרויסגעהן פון הויז, פלעגט ער באַמערקען אויף דעם זאַמדיגען וועג גרויסע שווערע טריט פון עמיצענס גרויסע שווערע פיס.

— ווער געהט עס דאָ אויף יאַגד פריהער פאַר מיר און מאַכט אַזעלכע גרויסע טריט? ווער וויל עס דאָ זיין גרעסער פאַר מיר? פלעגט טאַוואָס זיך בייזערען און שנעל פערשאַרען די טריט מיט זאַמד. איז ער איין מאָל אויפגעשטאַנען פריהער ווי אַלע מאָל און איז אַרויס פון הויז כדי צו זיין דער ערשטער

אין פעלד. אָבער די גרויסע שווערע טריט פון עמיצענס גרויסע שווערע פיס זיינען שוין געלעגען אויפ׳ן זאַמדיגען וועג. עמיצער איז שוין דאָ געגאַנגען פאַר איהם.

איז טאַוואַס אויפ׳ן צווייטען טאָג אויפגעשטאַנען נאָך פריהער און איז אַרויסגעלאָפען אין פעלד. אָבער די גרויסע שווערע טריט האָט ער ווידער געפונען אויפ׳ן זאַמד.

איז ער געוואָרען זעהר אין כעס.

— איך מוז כאַפּען דעם, וואָס האָט די העזה צו געהן אויף מיין וועג פריהער פאַר מיר — האָט ער בעשלאָסען.

האָט ער אויפגעפלאָכטען פון שטריק אַ נעץ און האָט זי אַוועקגעשטעלט אין מיטען וועג אויף ביי נאַכט און גאַנץ פריה איז ער אַרויסגעלאָפען זעהן וועמען די נעץ האָט געכאַפּט.

און טרעפט וואָס ער האָט דערזעהן!

אין נעץ האָט זיך פאַרפּלאָנטערט די זון! היים איז געווען די ערד, די זון איז געלעגען און אַ רויך איז געגאַנגען פון איהר.

— דאָס ביסטו, זון, געגאַנגען אויף מיין וועג יעדען פריה־מאָרגען? — האָט טאַוואַס געפרעגט אַ דערשראָקענער.

— יאַ, — האָט געענטפערט די זון. אָבער לאָז מיך שנעל אַרויס פון נעץ, אַ ניט וועט די גאַנצע ערד פאַרברענט ווערען פון מיין היץ.

האָט טאַוואַס געכאַפּט אַ מעסער און גענומען שניידען די נעץ. אָבער די היץ פון דער זון איז געווען אַזוי גרויס, אַז טאַוואַס האָט אָנגעהויבען זיך שמעלצען און ווערען אַלץ קלענער, קלענער, ביז ער איז געוואָרען האַלב אַזוי גרויס ווי ער איז געווען פריהער.

האָט ער ניט געקענט מעהר אויסהאַלטען די היץ, האָט ער אַ וואָרף געטהאָן דעם מעסער און איז אַנטלאָפען.

און די זון איז געבליבען ליגען אין נעץ. האָט די ערד פון גרויסער היץ זיך אָנגעצונדען און אַ געדיכטער רויך האָט זיך אויפגעהויבען צום הימעל.

— לויף שנעל, שנעל, טאַוואַס, בעפריי מיך פון נעץ, אַ ניט וועט די גאַנצע וועלט פאַרברענט ווערען — האָט אַ געשריי געטהאָן די זון.

דאָס מאָל האָט שוין טאַוואַס ניט געקוקט אויף דער היץ. ער האָט צושניטען די נעץ און די זון האָט אַ פרייע אַרויפגעשוועבט אויפ׳ן הימעל.

אָבער פון איהר פייער און היץ איז טאַוואַס נאָך מעהר צושמאָלצען געוואָרען און איז געוואָרען אַזוי קליין ווי ער איז איצט.

# לונגען-ענטצינדונג

(Pneumonia)

דר. י. א. מעריסאָן.

זייט די לעצטע פּאָר מאָנאַט הערט זיך אין שטאָדט וועגען אַ פערגרעסערטער צאָהל קראַנקע אויף לונגען־ענטצינדונג, און אויך וועגען אַ גרעסערער שטערבליכקייט פון דער קראַנקהייט. מען קאָן ניט זאָגען, אַז עס הערשט אַן עפּידעמיע פון לונגען־ענטצינדונג אין שטאָדט. אַזוי ווייט האַלט עס ניט, אָבער אַ ביסעל מעהר צו היטען זיך שאַדט זיכער ניט.

אין געוועהנליכע צייטען שטאַרבען דאָ אין שטאָדט מעהר מענשען פון לונגען־ענטצינדונג אָדער נומאָניע, איידער פון וועלכער עס איז אַנדער קראַנקהייט. אַפילו קאָנסאָמפּשאָן, „די גרויסע ווייסע מגפה”, גיט ניט אַזאַ גרויסע שטערבליכקייט ווי נומאָניע. מיט 20 יאָהר צוריק איז די שטערבליכקייט פון קאָנסאָמפּשען (טובערקולאָזיס) געווען 2.36 פער 1,000 פון דער בעפעלקערונג (ד. ה. פון יעדע הונדערט טויזענד מענשען זיינען 236 געשטאָרבען פון קאָנסאָמפּשאָן), און די שטערבליכקייט פון ניומאָניע איז געווען 2.47 פער טויזענד. די שטערבליכקייט פון טובערקולאָזיס איז ביסלעכווייז געפאַלען, ביז פאַר אַ יאָהרען איז עס געווען בלויז 1.50 פער טויזענד; די שטערבליכקייט פון נומאָניע האַלט זיך אָבער אַלץ ביי העמזעלבען דורכשניט ווי אַמאָל.

ביי דער צייט פון יאָהר קומען געוועהנליך פאַר דאָ אין שטאָדט אַרום 200 שטערב־פעלע פון נומאָניע אַ וואָך. די לעצטע עטליכע וואָכען גרייכט עס באַלד 250 אַ וואָך. עס איז ניט קיין מורא׳דיגער שפּרונג און מען קאָן עס אַפילו ניט אָנרופען קיין עפּידעמיע. מען דאַרף אָבער ניט פערגעסען, אַז נומאָניע איז אַן אָנשטעקיגע קראַנקהייט, און ווען די אומשטענדען זיינען גינסטיג, קאָן די קראַנקהייט זיך פערשפּרייטען אויף אַ פיעל גרעסערען מאַסשטאַב.

די דירעקטע אורזאַך פון נומאָניע איז אַ מיקראָב, וועלכער הייסט פּנומאָ־קאָקוס. מיקראָבען זיינען זעהר קליינע געוויקסען, וועלכע מען קאָן נאָר זעהן מיט אַ מיקראָסקאָפּ, וואָס פערגרעסערט אויף עטליכע הונדערט מאָל. וואַקסענדיג אין קערפּער פּראָדוצירען זיי גיפטיגע שטאָפען און מאַכען ענטצינדונגען אין ספּעציעלע אָרגאַנען. אַזוי ווי זיי זיינען זעהר קליין און זיי וואַקסען זעהר שנעל, קאָן איין טראָפּען ענטהאַלטען מיליאָנען מיקראָבען. אין אַ טראָפּען שליים, צום בייספּיעל, וואָס אַ קראַנקער אויף לונגען־ענטצינדונג הוסט אַרויס, געפינען זיך פיעלע מיליאָנען מיקראָבען פון דעם פּנומאָ־קאָקוס. ווען אַ געזונדער מענש קריגט אַריין אין נאָז אָדער אין האַלז אַזאַ טראָפּען שליים און זיי הויבען אָן צו וואַקסען ביי איהם אין קערפּער, איז ער אָנגעשטעקט מיט דער קראַנקהייט און וועט ענטוויקלען לונגען־ענטצינדונג.

עס קאָן אויך מעגליך זיין, אַז זיי וועלען ניט אָנהויבען צו וואַקסען ביי איהם אין קערפּער. אויב ער איז פאָלשטענדיג געזונד, האָבען זיינע אָרגאַנען אַ גרויסען כח פון ווידערשטאַנד אַנטקעגען די דאָזיגע קליינע מחבלים. קערענדלעך זריעה, וואָס פאַלען אויף אַ שטיין, נעהמען זיך ניט אָן און וואַקסען ניט: אַ געזונטער אָרגאַניזם האָט דעם ווידערשטאַנד פון אַ שטיין אַנטקעגען זיי. אַ צווייטע אורזאַך פון אָנשטעקען זיך מיט אַ מיקראָבישער קראַנקהייט איז אַלזאָ אַן אָבגעשוואַכטער אָרגאַניזם. פערקיהלונג און שכרות זיינען די צוויי גרעסטע אורזאַכען, וואָס שוואַכען אָב די לונגען, דעריבער זיינען אָט די צוויי אומשטענדען די הויפּט אינדירעקטע אורזאַכען פון אָנשטעקען זיך מיט די פּנומאָ־קאָקוס מיקראָבען און ענטוויקלען לונגען־ענטצינדונג.

נומאָניע קומט איבערהויפּט פאַר זעהר אָפט אויף די ביידע עקסטרעמען פון לעבענס־עלטער: ביי קליינע קינדער, און אַלטע לייט, און די קראַנקהייט איז אין ביידע פעלע געפעהרליך, ווייל זייער כח פון ווידערשטאַנד איז ניט גרויס גענוג. אַ גרויסער דאָקטאָר האָט אַמאָל געזאָגט, אַז נומאָניע איז דער נאַטירליכער טויט פון אַלטע לייט.

אייניגע עקספּערימענטען, וואָס זיינען די לעצטע צייט געמאַכט געוואָרען אין לאַבאָראַטאָריום, זיינען זעהר אינטערעסאַנט און האָבען אַ שייכות צו דעם פּונקט. דער צוועק איז געווען אויסצוגעפינען צי מען קאָן אָנשטעקען געוויסע ברואים מיט דעם באַציל פון דער קראַנקהייט אַנטדאַקס.

עס איז אויסגעפונען געוואָרען, אַז פרעש (זשאַבעס) שטעקען זיך געוועהנליך ניט אָן, ווען מען שפּריצט אין זיי אַריין די אַנטראַקס־באַצילען, וועלכע זיינען אַ טויטליכער גיפט פאַר פיה און מענשען. האַלט מען זיי אָבער אין אַ זעהר וואַרימען צימער, וואו די טעמפּעראַטור איז אַדום 100, נעהמען זיי זיך אָן מיט דער קראַנקהייט און שטאַרבען פון אַנטראַקס. היהנער האָבען אויך ניט זעהר מורא פאַר אַן אַריינשפּריצונג פון אַנטראַקס באַצילען. ווען מען האַלט זיי אָבער אַ געוויסע צייט שטעהענדיג אין קאַלט וואַסער, ביז די קעלט נעהמט זיי דורך, ווערען זיי קראַנק און שטאַרבען פון דער אַנטראַקס קראַנקהייט. ווייסע ראַצען האָבען געוועהנליך אויך אַ שטאַרקען ווידערשטאַנד אַנט־

קעגען די אַנטראַקס־באַצילען, אויב אָבער מען מאַטערט זיי אַ פריהער אויס, לאָזענדיג זיי ארומלויפען אַ געוויסע צייט, און מען שפּריצט אין זיי אריין די באַצילען, ווערען זיי שנעל קראַנק און שטאַרבען פון אַנטראַקס. פערשיידענע אַנדערע חיות, וועלכע האָבען אַ נאַטירליכען ווידערשטאַנד אַנטקעגען געוויסע מיקראָבישע קראַנקהייטען, קאָנען אָנגעשטעקט ווערען מיט די דאָזיגע קראַנקהייטען, ווען מען גיט זיי פריהער טרינקען אַלקאָהאָל.

מען זעהט פון די עקספּערימענטען, אַז ברואים, וועלכע האָבען בטבע אַ כח אויסצוהאַלטען אַנטקעגען אָנשטעקונג, פערלירען זייער כח, ווען זיי געפינען זיך אין אַ פערשטיקטער, הייסער לופט, ווען זיי ווערען דורכגענומען פון נעץ און קעלט, ווען זיי ווערען אויסגעמוטשעט, אָדער ווען זיי טרינקען זיך אָן מיט אַלקאָהאָל. אָט די אַלע אומשטענדען זיינען פונקט אַזוי שעדליך פאַר מענשען, ווי פאַר די נידעריגע ברואים.

עס קאָן זיין, אַז די קאַלטע דירות צוליעב דעם מאַנגעל אין קויהלען, און ביז אַ געוויסען גראַד אפשר אויך די אַלגעמיינע אָנגעשטרענגטקייט פון די נערוועןצוליעב דער מלחמה, האָבען פערקלענערט ביי אַ גרעסערער צאָהל מענשען זייער ווידערשטאַנד אַנטקעגען דעם מיקראָב פון נומאָניע, און דעריבער זיינען געפאַלען מעהר קרבנות פון דער קראַנקהייט. עס קאָן אָבער אויך זיין, אַז געוויסע נאַטירליכע אומשטענדען האָבען די לעצטע צייט בעגינסטיגט די ענטוויקלונג פון אַ מעהר גיפטיגען מין פון די ניומאָניע מיקראָבען, וועלכער איז גובר דעם נאַטירליכען ווידערשטאַנד פון געוועהנליך געזונדע מענשען.

פיעלע אונטערזוכונגען האָבען בעוויזען, אַז אַ גרויסער פּראָצענט געזונדע מענשען (פון 50 ביז 80 פּראָצענט) טראָגען ארום אין נאָז, האַלז און די לופט־רעהרען די מיקראָבען פון ניומאָניע. עס איז אויך בעוויזען געוואָרען, אַז די דאָזיגע מיקראָבען געפינען זיך אָפטער ביי מענער איידער ביי פרויען, און נאָך אָפטער ביי קינדער, און אַז זייער צאָהל פערמעהרט זיך שנעל אין די מאָנאַטען דעצעמבער און יאַנואַר, און ווערען ביסלעכוויז וועניגער אין מערץ און אַפּריל. ווען אַ מענש, וואָס טראָגט ארום ביי זיך די מיקראָבען, ניסט, שפּייט אָדער הוסט, וואַרפט ער ארויס פון זיך מיליאָנען פון די דאָזיגע מיקראָבען אין דער ארומיגער לופט, און די מענשען, וועלכע שטעהען דערביי, קאָנען עס דירעקט אריינאָטהעמען צו זיך אין די לונגען.

דער פנומאָ־קאָקוס איז אַ ריכטיגער פּאַראַזיט, ער קאָן נאָר לעבען אין אַנאַנדערען'ס קערפּער און אויף יענעמ'ס חשבון. אויסערן קערפּער האַלט ער זיך ניט לאַנג. אין נאַסע שפּייעכץ קאָן ער לעבען אַ פּאָר וואָכען, אין טרוקענעם שטויב, וואו עס איז ליכטיג, שטאַרבט ער אַוועק אין אַ שטונדע, אין דער פינסטער קאָן ער לעבען 4 שטונדען. די געפאַהר פון אָנשטעקונג איז דעריבער הויפּטזעכליך גרויס אין טונקעלע, פערשטיקטע ציממערן און אין עפענטליכע פּלעצער וואו עס געפינען זיך אַ סך מענשען צוזאַמען, וועלכע זיינען ניט ציוויליזירט גענוג צו פערשטעהן, אַז מען דאַרף ניט שפּייען אויפ'ן דיעל, אַז עס איז אַנשטענדיג צו הוסטען יענעם אין געזיכט, אָדער ניט צו פערדעקען די נאָז מיט'ן נאָז־טיכעל בעת מען ניסט.

דער פאַקט אָבער, וואָס אַזויפיעל מענשען טראָגען מיט זיך די מיקראָבען פון ניומאָניע און ווערען דאָך ניט אָנגעשטעקט מיט דער קראַנקהייט, איז אַ בעווייז, אַז די געוועהנליכע גיפטיגקייט פון דעם מיקראָב איז ניט זעהר גרויס. אַ חוץ אין פאַל פון אַן עפּידעמיע, ווען עס איז דאָ אַ גרונד צו דענקען, אַנטוועדער אַז דער פנומאָ־קאָקוס האָט צוליעב געוויסע אומשטענדען ענטוויקעלט אַ גרעסערע גיפטיגקייט, אָדער אַז אַ וועלכער עס איז אַנדער מיקראָב העלפט איהם אין דער ארבייט, איז דער נאַטירליכער ווידערשטאַנד פון קערפּער גענוג גובר צו זיין די אָנשטעקונג. עס שיינט דעריבער, אַז בנוגע לונגען־ענטציינדונג איז דער אינדירעקטער פאַקטאָר, דער ווידערשטאַנד פון קערפּער, פון גרעסערער וויכטיגקייט איידער דער דירעקטער פאַקטאָר, דער מיקראָב פון דער קראַנקהייט.

ווי אין אַלע מיקראָבישע קראַנקהייטען, אַזוי אויך אין לונגען־ענטציינדונג איז די שטערבליכקייט גרעסער ביי געוויסע ראַסען. נעגערס גיבען אַ הויכע צאָהל שטערבליכקייט. דאָ אין ניו יאָרק איז די שטערבליכקייט פון ניומאָניע העכער ביי די אירישע און נעבוירענע אַמעריקאַנער, איידער ביי דייטשען, רוסען און אונגאַרישע. איטאַליענער קינדער שטאַרבען פון לונגען־ענטציינדונג דריי מאָל אַזוי פיעל ווי אַנדערע קינדער. דער אונטערשייד קאָן אָבער זיך ערקלערען גיכער דורך זייער אַרט לעבען, איידער דורך אַ וועלכער עס איז מיטגעבוירענער אייגענטימליכקייט פון זייער קערפּערליכער קאָנסטיטוציע.

די בעשעפטיגונג האָט אויך אַ געוויסען איינפלוס אויף דער שטערבליכקייט פון ניומאָניע. בעת ניומאָניע האָט פערורזאַכט 7 פּראָצענט פון די טויטען־פעלע ביי אַלע ארבייטער איבער 15 יאָהר אַלט, האָט עס געגעבען 9 פּראָצענט פון אַלע טויטען־פעלע ביי סאַלון־קיפּערס און באַר־טענדערס, 10 פּראָצענט ביי שמיעדען, 11 פּראָצענט ביי דרוקער און זעצער, און כמעט 12 פּראָצענט ביי די אייזענבאַהן־ארבייטער. בכלל זיינען די, וואָס טהוען שווערע ארבייט דרויסען אין אַלערליי שלעכטע וועטערן, און נעהמען אָפט אַ טרונק בראָנפען דערצו, מעהר אויסגעזעצט צו ווערען קראַנק אויף לונגען־ענטציינדונג, איידער אַנדערע ארבייטער. די גרויסע שטערבליכקייט פון לונגען־ענטציינדונג ביי זעצער און דרוקער קומט משמעות, אויב ניט פון אַנדערע זינד, צוליעב דעם שטויב און שמוץ פון דעם בליי, וועלכער פערדאַרבט זייערע לונגען.

עס איז שוין אַן אַלטער כלל, אַז פערהיטען אַ קראַנקהייט איז בעסער ווי קורירען אַ קראַנקהייט, אָדער ווי מען זאָגט אין אידיש: „די רפואה פ א ר דער מכה". דערהויפּט איז עס ריכטיג בנוגע לונגען־ענטציינדונג, וואָס איז אַ מכה, צו וועלכער עס איז נאָך דערווייל ניטאָ קיין זיכערע רפואה. און ווען עס איז נאָך פאַראַן אַ חשש עפּידעמיע, איז אודאי זעהר און זעהר נויטיג אָנצונעהמען אַלע מיטלען, וואָס קאָנען אויסהיטען פון דער קראַנקהייט.

די מיטלען פון פערהיטונג פאָלגען קלאָר ארויס פון די אורזאַכען, וועלכע ברענגען די קראַנקהייט. מיר האָבען געזעהן, אַז ניומאָניע האָט צוויי אורזאַכען: די מיקראָבען און דער פערקלענערטער ווידערשטאַנד פון קערפּער. בכן דאַרף מען זיך אויסהיטען ניט אַריינצונעהמען אין זיך די מיקראָבען, און מען דאַרף זעהן צו פערגרעסערן דעם ווידערשטאַנד פון קערפּער.

ווי היט מען זיך אויס פון די מיקראָבען? ערשטענס דאַרף מען האָבען אין זין, אַז לונגען־ענטציינדונג איז אַן אָנשטעקיגע קראַנקהייט ווי דיפטעריט, סקאַרלאַטין וכדומה. אָבשטאַטען איבעריגע וויזיטען, אָדער נאָך פשוט'ער גערעדט, רוקען די נאָז גלאַט אַזוי צו איינעם, וואָס איז קראַנק אויף ניומאָניע, איז ניט גוט פאַר'ן קראַנקען און קאָן זיין שלעכט פאַר זיך. ווען מען האַלט דעם קראַנקען אין אַ ליכטיגען, לופטיגען צימער, און מען דיסאינפעצירט אָדער פערניכטעט די שפּייעכץ אָדער שליים, וואָס ער הוסט אַרויס, פערניכטעט מען די מיקראָבען ביי זייער ערשטען מקור און מען פערהיט, אַז די איבעריגע מענשען פון דער פאַמיליע זאָלען ניט קריגען די קראַנקהייט. מען דאַרף ניט שפּייען אויפ'ן דיעל, ניט הוסטען און ניט ניסען יענעם אין געזיכט אריין, וועלען די מיקראָבען פון ניומאָניע ניט ארומשוועבען אין דער לופט און ניט האָבען קיין מעגליכקייט אריינצוקריכען אין די לונגען. צווייטענס דאַרף מען ניט געברויכען אַזוינע זאַכען, אויף וועלכע די מיקראָבען קאָנען זיך געפינען; צ. ב. ש. געמיינשאַפטליכע האַנדטיכער, אָדער געמיינשאַפטליכע טרינק־כלים, אָדער געברויכען יענעמס נאָז־טיכעל, אָדער כאַפּען אַ „פּאָד ציה" פון יענעמס ציגאַרעטעל אָדער פייפ, אָדער אָבווישען די קינדערשע נעזלעך מיט דער מאַמעס שמוציגען פאַרטוך.

ווי פערגרעסערט מען דעם ווידערשטאַנד פון קערפּער? די ערשטע און וויכטיגסטע זאַך איז פרישע לופט. אַ מענש, וואָס עסט גענוג, און ניט צופיעל, איינפאַכע, געזונדע שפּייז, און אָטהעמט אריין די גאַנצע 24 שטונדען פרישע לופט, איז כמעט פערזיכערט אַנטקעגען אַלע אָנשטעקיגע קראַנקהייטען. פרישע לופט די גאַנצע 24 שטונדען מיינט אָפענע פענסטער אין הויז ביי טאָג און ביי נאַכט, אָפענע פענסטער אין שאָפּ; ניט זיצען שטונדען־לאַנג אין „מאָווינג־פּיקטשור" פּלעצער, וואו די לופט איז זעהר ניט פריש; דורכגעהן זיך דרויסען וועניגסטענס צוויי מייל אַ טאָג.

מען דאַרף געהן אָנגעטאָן נאָכ'ן וועטער נאָך. עס איז אַן אונזין צו טראָגען דינע, זומערדיגע אונטערוועש אין ווינטער.

לאזאר סאמאילאוו:

# דער פראָגרעס פון וויסענשאַפט און טעכניק

## א מעגליכקייט צו שיקען פאָטאָגראַפישע בילדער' דורכ'ן טעלעגראַף.

א מעגליכקייט אריבערצושיקען פאָטאָגראַפישע און אנדערע בילדער מיט דער הילף פון א טעלעגראַפישען אפאראַט איז איינע פון גאָר די לעצטע ערפינדונגען אויפ'ן געביעט פון עלעקטריציטעט.

אין גאַנצען קיין נייעס איז עס ניט. פּראָבען צו שיקען בילדער דורך טעלעגראַפישע דראָטען זיינען מיט א גרעסערע! אָדער קלענערען ערפאָלג שוין לאַנג געמאכט געוואָרען. און כאָטש איינינע פון זיי האָבען געגעבען גאַנץ ערשטוינענדע צו יענער צייט רעזולטאטען, דאָך זיינען זיי ניט געווען פּאָלקאָם גענוג פאר א ברייטער פּראַקטישער אַנווענדונג. אָבער די ערפינדונג, וועגען וועלכער מיר רעדען דאָ, שטעלט מיט זיך פאָר א פערפאָלקאָמענטען אפאראט, וועלכער גיט א מעגליכקייט אַריבערצושיקען בילדער און פּאָרטרעטען דורך טעלעגראַפישע דראָטען מיט א גאַנץ צופריעדענשטעלענדער פּינקטליכקייט, שנעלקייט און בעקוועמליכקייט, און קען דעריבער אַנגעווענדעט ווערען אין א ברייטען מאַסשטאַב.

דיזער אַפּאַראַט, ווי אַלע טעלעגראַפישע אַפּאַראַטען, בעשטעהט פון צוויי טהיילען: דורך איינער שיקט מען, און די צווייטע נעהמט אויף, אָדער קאָפּירט דאָס בילד. דיזען אַפּאַראַט קען מען פעראייניגען מיט יעדע עקזיסטירענדע סיסטעמע פון טעלעגראַפישע אָדער טעלעפאָן דראָטען. די קאָפּיע פון בילד, וואָס מען בעקומט אויף דער צווייטער סטאַנציע, איז בעדייטענד בלאַסער, ווי דאָס אָריגינעלע בילד, אָבער די שטריכען זיינען גענוג דייטליך מען זאָל קענען דערקענען דעם פּאָרטרעט אָדער דאָס בילד. און פּלענער ווערען שוין אויסגעאַרבייט אַריבערצושיקען אַזעלכע בילדער גאָר אָהן דראָטען, ד. ה. דורך דראָטלאָזער טעלעגראַפיע.

מיר קענען זיך נאָך דערווייל ניט פּאָרשטעלען אַלע פּעלע און אַלע געביטען, ווען אַזאַ אַפּאַראַט זאָל קענען אָנגעווענדעט ווערען. מיר קענען זיך אָבער פאָרשטעלען אַלס א ביישפּיעל אַזאַ פּאַל. אין קאַליפאָרניא איז פאָרגעקומען אַן ערדציטערניש, און א שטעדטעל איז חרוב געוואָרען. ביז יעצט פלעגען זיך די צייטונגען בענוגענען דערמיט, וואָס זיי פלעגען איבערגעבען די טרוקענע פאַקטען וועגען דער פּאַסירונג אויפ'ן גרונד פון די טעלעגראַפישע בעריכטען פון זייערע קאָרעספּאָנדענטען. אָבער מיט דער הילף פון אַזאַ אַפּאַראַט וועלען זיי קענען די טרוקענע נייעס באַגלייטען מיט פאָטאָגראַפישע בילדער, וואָס אילוסטרירען דעם חורבן, וואָס די ערד ציטערניש האָט אָנגעמאַכט.

שטעלט אייך פאָר, אַז אין לאָנדאָן האָט זיך איבערגעבראָכען א בריק און א טריין איז אריינגעפאַלען אין טייך. און אין א שטונדע אַרום לעזען מיר אין די ניו יאָרקער צייטונגען די נייעס וועגען דעם און מיר זעהען פאַר זיך די פאָטאָגראַפישע בילדער פון דער קאַטאַסטראָפע.

---

עס איז א געפאַהר צו פערנעצען די פיס אין א קאַלטען וועטער, ווען מען קאָן טראָגען קאַלאָשען. עס איז א קנאַפּע בריה'שאַפט צי ווערען דורכגעפראָרען אין א ווינטערדיגען טאָג אין גאַס און ניט אָנטאָן קיין מאַנטעל. עס איז אומגעזונד צו זיצען לאַנג אין א צו־וואַרעמען צימער. עס איז פּאָזיטיוו שעדליך צו געברויכען רעגעלמעסיג אַלקאָהאָלישע געטרענק.

יעדער מענש דאַרף זיך אינטערעסירען אויסצוגעפינען וואָס הייסט א נאָרמאַלעס לעבען און זעהן צו פיהרען א נאָרמאַלעס לעבען. „אונוויסענהייט פון געזונט איז ניט קיין תירוץ אין קאָרט“: אונוויסענהייט פון די געזעצען פון געזונד איז אודאי **קיין תירוץ ניט פאַר'ן משפּט פון דער נאַטור.**

דער זעלבער אַפּאַראַט קען אונז ברענגען אילוסטרירטע נייעס פון די שלאַכט פעלדער. לאָמיר בעסער האָפען, אַז ווען דיזער אַפּאַראַט וועט געפינען א ברייטע אַנווענדונג, וועלען קיין מלחמות מעהר ניט זיין. אָבער רעוואָלוציעס וועלען דאָך יאָ זיין...

---

## מען בויעט שיפען פון קאָנקריט.

זינט שיפען עקזיסטירען אויף דער וועלט האָבען זיי שוין איבערגעלעבט א היבש ביסעל שטופען פון ענטוויקלונג. אָנגעפאַנגען האָט זיך פון דעם, וואָס מענשען, ווען זיי האָבען זיך נאָך געפונען אין א האַלב ווילדען צושטאַנד, האָבען זיי אויסגעהאַקט א מין קאָרעטע פון א גרויסען קלאָץ און מיט דעם זיינען זיי געשוואומען איבערן וואַסער, נאַטירליך ניט ווייט פון ברעג. דערנאָך האָט מען זיך אויסגעלערנט צוזאַמענקלאַפּען א שיף פון ברעטער. דאָס האָט שוין געגעבען א מעגליכקייט צו בויען אַלץ גרעסערע און גרעסערע שיפען און לאָזען זיך מיט זיי אַלץ ווייטער און ווייטער פון ברעג. מיט אַזעלכע שיפען האָט מען ענדליך ענטדעקט אַמעריקא און געמאַכט רייזעס אַרום דער וועלט.

ערשט מיט א יאָהר הונדערט צוריק האָט מען אָנגעפאַנגען בויען שיפען פון אייזען און נאָכהער שטאָהל. ניט אַלע האָבען עס דאַמאַלס געגלויבט און פערשטאַנען. מען האָט זיך גערוואונדערט, ווי אַזוי קען מען עס מאַכען א שיף פון אייזען, ווען אייזען איז אַזוי שווער און זינקט אין וואַסער? אָבער דער פּלאַן האָט געהאַט א מעדקווירדיגען ערפאָלג. א שיף פון שטאָהל קאָסט א סך טהייערער, ווי די זעלבע שיף פון האָלץ, דערפאַר אָבער איז זי זיכערער און געדויערט א סך לענגער, און סוף כל סוף קומט זי שוין אויס ביליגער. און יעצט זיינען אַלע שיפען פון אייזען אָדער שטאָהל; הילצערנע שיפען זיינען א זעלטענהייט.

און פאַר דער לעצטער צייט האָט מען אָנגעפאַנגען בויען שיפען פון קאָנקריט. קאָנקריט — דאָס זיינען שטיינדלאַך, זאַמד, צעמענט און וואַסער צוזאַמענגעמישט אין א געוויסער פּראָפּאָרציע. דאָס אַלעס ווערט גוט אויסגעמישט און אריינגעגאָסען אין א פאָרמע, וואָס ווערט צוזאַמענגעשטעלט פון ברעטער, און ווען עס טריקענט זיך אויס ווערט עס האַרטער און שטאַרקער פון פיעלע סאָרטען שטיינער. מאַנכעס מאָל מאַכט מען פון קאָנקריט שטיינער, און פון די שטיינער לייגט מען אויס הייזער, אָדער, אַמוויינינגסטען, די פונדאַמענטען פאַר הייזער. אָבער מעהרסטענטיילס וועלען די ווענט פון בילדינג דירעקט אויסגעגאָסען פון קאָנקריט, און דאַן קומט אויס, אַז אַלע ווענט פון דער בילדינג זיינען פון איין שטיין, פון איין שטיק קאָנקריט.

אין אונזערע צייטען, ווען עס פיהלט זיך אַזאַ מאַנגעל אין שיפען און שטאָהל קאָסט אַזוי טהייער, איז די אידעע צו בויען שיפען פון קאָנקריט זעהר א געלונגענע. די ערשטע פּראָבע איז געמאַכט געוואָרען אין נאָרוועגיען. מען האָט דאָרטען אויפגעבויט, אָדער ריכטיגער געזאָגט — אויסגעגאָסען פון קאָנקריט אַ דאַמפּף שיף פאַר 500 טאָן. איהר פּראָבע רייזע אַרום ענגלאַנד, א שטרעקע פון 2000 מייל, האָט דיזע שיפעל געמאַכט מיט א גאַנץ גוטען ערפאָלג. און יעצט ווערט אין סאַן־פראַנציסקאָ פערענדיגט אויף אַזאַ שיף, נאָר שוין פאַר גאַנצע 5000 טאָן, ד. ה. צעהן מאָל גרעסער. און ווען דיזע שיף וועט אַרויסצייגען יענעם ערפאָלג, וואָס עס ווערט פון איהר ערוואַרטעט, דאַן איז צו האָפען, אַז אין גיכען וועט מען אין גאַנצען אָבשאַפען דעם שטאָהל אַלס מאַטעריאַל פאַר שיפען, און מען וועט זיי אַלע בויען פון קאָנקריט.

א שיף פון קאָנקריט איז אין אַלע הינזיכטען ניט ערגער, ווי א שיף פון שטאָהל. דערפאַר אָבער קען מען זי אויפבויען

אין א פיעל קורצערער צייט און זי קומט אויס אויך א סך ביי־ליגער. די שיף, וואס ווערט פארענדיגט אין סאן פראנציסקא, וועט קאסטען דריי־פערטעל מיליאן דאלאר. און די זעלבע שיף געבויעט פון שטאהל, וואלט געקאסט גאנצע צוויי מיליאן דא־לאר. און דאס מיינט, אז פאר די זעלבע געלד, וואס עס דארף קאסטען איין שיף פון שטאהל, וועט מען קענען אויפבויען דריי שיפען פון קאנקריט.

מען מוז נאך האבען אין זינען, אז צוליעב דעם, וואס מען וועט בויען שיפען פון קאנקריט, וועט זיך בעפרייען א מאסע שטאהל, וועלכע מען וועט קענען אנווענדען אויף אנדערע גע־ביטען, וואו מען קען עס ניט פארבייטען אויף אנדערע מאטע־ריאלען.

## זאלץ פאבריצירט פון לופט.

עס רעדט זיך דא ניט וועגען דעם זאלץ, וועלכען מיר גע־ברויכען אין אונזערע שפייזען, נאר וועגען אן אנדער מין זאלץ, וואס מען רופט עס סאלפעטער, אדער סעליטרע. לעצטען מא־נאט האט די רעגירונג פון די פעראייניגטע שטאאטען אנגעפאנ־גען צו בויען אין ווירדזשיניא א גרויסע פעקטארי, אין וועלכער מען וועט פאבריצירען דיזען זעהר נויטיגען זאלץ, און דעם הויפט מאטעריאל, פון וועלכען דיזער זאלץ וועט ווערען צוזאמענגע־שטעלט, וועט מען נעהמען פון דער לופט.

סאלפעטער איז א זאלץ, וואס ווערט געברויכט פיר פער־שיעדענע צוועקען, אבער הויפטזעכליך ווערט ער געברויכט צו בעמיסטיגען די ערד כדי צו בעקומען בעסערע גערעטענישען, און פיר פערשידענע סארטען אויפרייס־מאטעריאלען. פריהער פלעגען אלע לענדער אימפארטירען דיזען זאלץ פון טשילי (א קליינע רעפובליק אין זיד אמעריקא), ווייל דארטען איז דא א גרויסע שטיק וויסטעניש אינגאנצען בעדעקט מיט דיזען זאלץ, אבער זינט די מלחמה האט אויסגעבראכען קען מען דיזען זאלץ פון טשילי ניט אימפארטירען, האט מען אנגעפאנגען צו פאברי־צירען סאלפעטער אויף א קינסטליכען אופן. אזוי טהוען יעצט אלע לענדער, און אזוי וויל אויך טהאן אונזער לאנד, כדי ניט צו זיין אבהענגיג פון א פרעמדער לאנד.

דער הויפט שטאף פון וועלכען סאלפעטער בעשטעהט, איז אזא גאז, וואס רופט זיך „ניטראדזשען" („שטיק־שטאף", „אזאט"). אין דיזען גאז נויטיגען זיך אלע פלאנצען פאר זייער ענטוויקלונג, און אהן דיזען ניטראדזשען, אין איינער אדער א צווייטער פארמע, קען מען קיין אויפרייס־מאטעריאלען ניט מא־כען. די לופט, וואס רינגעלט ארום די ערד פון אלע זייטען און מיט וועלכער מיר אטהעמען, ענטהאלט אין זיך א סך פון די־זען גאז. אבער אין יענער פארמע, אין וועלכער עס עקזיסטירט אין דער לופטען, קען מען דעם ניטראדזשען ניט בענוצען ניט פאר בעמיסטיגען די ערד און ניט צו מאכען אויפרייס־מאטע־ריאלען: מען מוז עס פריהער פערוואנדלען אין א זאלץ, און צו פאבריצירען דיזען זאלץ מוז מען עס האבען גרויסע פעקטארים מיט א מאסע עלעקטריציטעט.

דערווייליע מאכט מען אזעלכע פעקטארים כדי צו פאבריצי־רען סאלפעטער פיר מלחמה־צוועקען. די מלחמה וועט זיך דאך פריהער אדער שפעטער ענדיגען, און דאן וועלען מיר האבען פעקטארים, וואו מען וועט מאכען סאלפעטער צו בעמיסטיגען די ערד. און דאס מיינט מעהר ברויט מיט ווייניגער אנשטרענ־גונג.

ווער וועט פון דעם פראפיטירען: דער געברויכער? דער פארמער? אדער דער ספעקולאנט? דאס איז דא ניט די פראגע. פון שטאנדפונקט פון אלגעמיינעם מענשליכען פרא־גרעס וועט פון דעם געווינען די מענשהייט אלס א גאנצע.

דערווייליע מאכט מען סאלפעטער פון לופט. און אזוי ווי צו דעם פאדערט זיך און עס וועט זיך נאך פאדערען א סך לופט, דעריבער האבען מיר געוואלט פארזיכערען דעם עולם צו זיין מיט דעם אביסעל שפארזאמער: זאל מען ניט אטהעמען כאטש איין טאג אין וואך...

## אן אפאראט, מיט וועלכען בלינדע זאלען קענען לעזען.

מיט א שטיקעל צייט צוריק האט מען אין לאנדאן ער־פונדען אן אפאראט וואס וועט געבען די בלינדע א מעגליכקייט צו לעזען געוועהנליכע ביכער און צייטונגען. ביז יעצט האט מען פאר די בלינדע געדרוקט ספעציעלע ביכער. דאס פאפיער פון אזעלכע ביכער איז א דיקע און א הארטע, און די בוכשטאבען זיינען ניט אבגעדרוקט שווארץ אויף ווייס, נאר אויסגעדרוקט אזוי, אז מען זאל זיי קענען אנטאפען מיט די הענט, ווי די „סיעלס" אויף די אפיציעלע דאקומענטען. דיזע שריפטען לע־זען די בלינדע פיהרענדיג מיט די פינגער איבער די שורות בולטע בוכשטאבען. אבער דער אפאראט, וועגען וועלכען מיר רעדען דא, גיט די בלינדע א מעגליכקייט צו לעזען געוועהנליכע שריפטען. די בוכשטאבען וועלען די בלינדע ניט זעהן און ניט אנטאפען, נאר הערען מיט די אויערען, און דעריבער ווערט דיזער אפאראט אנגערופען „אפטאפאן", וואס אויף אידיש וואלט עס געהייסען „ליכט־קלאנגען".

דיזער אפאראט שטעלט מיט זיך פאר א מין טעלעפאן, דורך וועלכען עס פליסט א שטענדיגער עלעקטרישער שטראם און שאפט אין אפאראט א שטענדיגען רעגעלמעסיגען גערויש אדער קלאנג. דער בלינדער לייגט צו די צוויי פרייע עקען פון דיזען אפאראט צו זיינע אויערען, און א צווייטע טהייל פון זעלבען אפאראט פיהרט ער איבער די געדרוקטע שורות. און אין דיי־זער טהייל פון אפאראט געפינט זיך א שטיקעל מעטאל, וואס רופט זיך „סעלעניאום". דיזער סעלעניאום איז א מערקווירדי־גער מעטאל און בעזיצט א זאנדערבארע אייגענשאפט. אלע מעטאלען לאזען דורך דורך זיך אן עלעקטרישען שטראם. איי־נער מעהר, א צווייטער ווייניגער, אבער יעדער מעטאל האט זיך זיין מאס עלעקטריק וואס ער קען דורכלאזען דורך זיך אין יע־דער סעקונדע בעזונדער כמעט ביי אלע בעדינגונגען. גאנץ אנדערש אבער איז דער סעלעניאום: אין דער פינסטער לאזט ער דורך א שוואכערען עלעקטרישען שטראם, און אין דער ליכ־טיגקייט לאזט ער דורך א שטארקערען שטראם. און אט מיט דיזע אייגענשאפטען פון דעם סעלעניאום האט מען זיך בענוצט צו מאכען דעם „אפטאפאן".

ווען מען האלט דעם שטיקעל סעלעניאום, וואס קומט אלס א טהייל פון דיזען אפאראט, אנטקעגען א ווייסען שטיק פא־פיער, דאן פליסט דורך איהם און דורך דעם גאנצען אפאראט א בעשטימטע מאס עלעקטריע, און דער קלאנג, וואס מען הערט אין זיין טעלעפאן, איז א רעגעלמעסיגער. ווען מען שטעלט איהם אבער אן אנטקעגען א שווארצע פינטעלע, וואס איז אבגעדרוקט אויפ'ן פאפיר, דאן פאלט אויפ'ן סעלעניאום ווייניגער ליכט, און דאן לאזט ער דורך דורך זיך א שוואכערען עלעקטרישען שטראם, און דאן איז דער גערויש אין זיין טעלעפאן אביסעל א שוואכערער.

אזוי ווי יעדער בוכשטאב בעשטעהט פון פערשיעדענע שווארצע שטריכען, דעריבער זיינען די קלאנגען, וואס מען הערט אין דיזען טעלעפאן, אויך פערשידענארטיג. אין אלגעמיין איז דער כאראקטער פון די קלאנגען, אדער פון דעם גערויש, וואס מען הערט אין דיזען אפאראט אינגאנצען אבהענגיג פון דער פארמע פון די בוכשטאבען, איבער וועלכע מען פיהרט דעם סעלעניאום: יעדער בוכשטאב בעזונדער שאפט א בעזונדערען קלאנג. און נאך א שטיקעל איבונג קען מען זיך אויסלערנען דערקענען די בוכשטאבען נאך די קלאנגען, ד. ה. לעזען מיט די אויערען.

## אויסצונוצען די היץ פון דער זון פיר אינדוסטריעלע צוועק־קען.

דאמפף איז זעהר א גוטע זאך. דער דאמפף טהוט פאר אונז די גרעסטע מאס פון אונזער ארבייט און האט ענטוויקעלט אונזערע אינדוסטריע צו יענער ריזיגער שטופע, ביי וועלכער זי געפינט זיך ביי היינטיגען טאג. די צרה איז אבער מיט דעם דאמפף, וואס ער פרעסט אויף א מאסע קויהלען. וואסער פאר דאמפף איז דא גענוג און קאסט זעהר ביליג; אבער די קויהלען קאסטען א מאסע געלד. און א חוץ דעם שטעלען מיט זיך די קויהלען־מיינס ניט פאר קיין אונערשעפליכע קוואלען: פריהער אדער שפעטער וועט צו קויהלען קומען א סוף. אייניגע גע־לערנטע רעכענען זאגאר, אז אויב מען זאל פערברויכען קויהלען אין יענער פערגרעסערונגס פראפארציע, אין וועלכער מען האט

זיי פערברויכט ביז יעצט, וועלען מיר ניט האָבען קיין קויהלען אין וויינינגער ווי הונדערט יאָהר ארום. וואס זשע וועט די מענשהייט דאן טהאָן?

און אָט דיזע צווי אורזאכען: די פערהעלטנים־מעסיג גרויסע אויסגאבען, וואס זיינען פערבונדען מיט קויהלען און די מעגליכקייט, אז קויהלען זאָלען אין גאנצען אויסגעשעפּט ווערען, האָבען בעוואויגען אייניגע אינזשענערען און ערפינדער צו זוכען נייע קוועלען פון ענערגיע, נייע מיטלען צו ענטוויקלען דעם דאמפּף.

פערשיעדענע פּלענער און פּאָרשלעגע זיינען געמאכט און אויסגעפּרובירט געווארען. צווישען זיי, איז אינטערעסאַנט דער פּלאַן אויסצונוצען די היץ פון דער זון כדי אָנצוואוארעמען מיט דעם א קעסעל (באָילער) מיט וואסער און פערוואנדלען עס אין דאמפּף. דער פּלאַן בעשטעהט אין דעם, אז מען זאָל אָנשטעלען א געוויסע צאָהל שפּיגלען אין אזא אָרדנונג, אז זיי אַלע זאָלען קאָנצענטרירען די אָבגעשפּיגעלטע שטראהלען פון דער זון אויף דעם באָילער מיט וואסער.

אליין און פאַר זיך איז דער פּלאַן א גאנץ אינטערעסאַנטער, אָבער פּראקטיש איז ער ניט זעהר דורכפיהרבאַר. ערשטענס — אין די גאנצע 24 שטונדען, וואס א מעת לעת פערמאָגט, שיינט די זון דורכשניטליך עפּעס ארום 10 שטונדען. דאָס איז ביי די בעסטע בעדינגונגען. און, צווייטענס, איז אונזער זון אביסעל א שעמעוודיגע, און פון צייט צו צייט בעהאלט זי זיך אונטער די וואָלקענס, און דעריבער קען מען זיך אויף איהר ניט פערלאזען.

פונדעסטוועגען האָט מען געמאכט עטליכע פּראָבען צו ענטוויקלען דאמפּף מיט דער הילף פון זון־שטראהלען און שפּיגלען. אזעלכע פּראָבען האָט מען געמאכט אין קאַליפאָרניא, אריזאָנא און עגיפּטען, ד. ה. אין אזעלכע געגענדען, וואו די זון שיינט די גרעסטע צאָהל שטונדען דורכ'ן יאהר.

די דאמפּף מאשינעס ארבייטען טאקע, אָבער עס איז געמאטערט. מעגליך אָבער, אז מיט דער צייט זאָל מען ערפינדען בעסערע איינריכטונגען און מען זאָל קענען אויסנוצען די אומזיסטע היץ פון דער זון מיט מעהר ערפאָלג.

און אין בעצוג צו דיזער פראגע זיינען גאנץ אינטערעסאַנט די עקספּערימענטען, וואס פּראָפעסאָר וו. הארוועי אין טאראנטא, קענעדע, האָט ניט לאַנג צוריק געמאכט. ער האָט אָנגעשטעלט א סיסטעמע פון קליינע שפּיגלען אויף א נייעם פּרינציפּ, און האָט בעקומען פּיעל בעסערע רעזולטאַטען, ווי מען האָט בעקומען ביז יעצט. די זון־שטראהלען, וואָס האָבען זיך אָבגעשפּיעגעלט פון זיינע שפּיגעלאַך, האָבען דורכגעבראָכען א לעכעל אין א דיקער ברעט אין עטליכע סעקונדען צייט. א שטיק בליי 1½ אינטשעס דיק איז צושמאָלצען געווארען אין 43 סעקונדען, א. ז. וו.

מען דאַרף ניט פערגעסען, אז זיינע עקספּערימענטען האָט דר. הארוועי געמאכט אין קענעדע, ד. ה. אין א לאַנד, וואו דורכשניטליך גיט די זון א סך וועניגער ווארימקייט, ווי אין אנדערע לענדער. און דאָך פערזיכערט אונז דער טאראנטער פּראָפעסאָר, אויפ'ן גרונד פון זיינע עקספּערימענטען, אז אין גיכען וועלען מיר האָבען א מעגליכקייט אויסצונוצען די וואַרימקייט פון דער זון אין יעדער הויז בעזונדער. אלעס וועט זיך ווענדען אָן דער ריכטיגער סיסטעמע פון שפּיגלען.

רבונו של עולם! מען זאָל כאָטש ניט ארויפלעגען צוהויכע טעקסעס אויף די זון־שטראהלען...

---

# צושריפטען פון די פערוואַלטונגס קאָמיטעטען

## דער סאַניטאַריום טאָג.

### צו אַלע ברענטשעס פון ארבייטער רינג.

ווערטהע פריינדע: —

ווי איהר ווייסט, פייערען מיר יעדען יאָהר די ערעפענונג פון אונזער סאַניטאריום און פאַר דיעזען צוועק פּלעגען אונזערע ברענטשעס און סיטי קאָמיטעס דורכפיהרען געוויסע אונטערנעהמונגען, און די פּראָפיטען פּלעגען געהן פאַר אונזער סאַניטאריום. מיר דארפען אייך ניט זאָגען, אז דיזע פייערונג איז איינע פון די הערליכסטע און איינע פון די ערהאָבענסטע. די ערעפענונג פון אונזער סאַניטאריום איז א פּאַסירונג, וועלכע דאַרף פערשריבען ווערען אין דער געשיכטע פון דער ארבייטער בעוועגונג מיט גאָלדענע בוכשטאבען.

און אונזערע מעמבערס ווייסען און פערשטעהען די בעדייטונג פון אונזער סאַניטאריום און דערפאַר איז דער טאָג, ווען דער סאַניטאריום איז ערעפענט געוואָרען, פערדעכענט ביי זיי פאַר א טאָג פון יום־טוב, א טאָג פון פייער און פרייד.

און זעלבסטפערשטענדליך, אז אויך דיעזען יאָהר וועט דער טאָג פון דער ערעפנונג פון דעם סאַניטאריום, דער 12טער פעברואר, געפייערט ווערען אומעטום, וואו נאָר עס עקזיסטירט א ברענטש פון ארבייטער רינג, וואו נאָר עס לעבען מיטגליעדער פון אונזער אָרדער.

מיר ווילען אָבער היינטיגען יאָהר פערוואנדלען דיזען "יום־טוב" מיט אזא דענקמאל, וועלכער זאָל אימער ארויסשיינען זאָגאר דורך די דיקסטע במארעס פון דער פינסטערער נאכט. מיר ווילען זיך אָבזאָגען פון די אַלע פּראָפיטען, וועלכע דער סאַניטאריום פּלעגט קריגען פון דיזע אַלע אונטערנעהמונגען און מיר וועלען דאָס אָוועקגעבען פאַר די מלחמה ליידענדע אין אייראָפּא. יעדער סענט, וועלכען מיר וועלען קאָלעקטען וועט געהן פאַר אונזערע אונגליקליכע ברידער און שוועסטער פון אייראָפּא.

און דעריבער, פריינדע, דאַרפט איהר זעהן, אז די פייערונג פון דעם סאַניטאריום טאָג זאָל אומעדום דורכגעפיהרט ווערען מיט'ן גרעסטען ערפאָלג, ווייל וואס גרעסער דער ערפאָלג, אַלץ מעהר געלד וועט זיין, און וואָס מעהר סענטען, ניקעלס, דיימס און דאָלארס, אַלץ מעהר הונגעריגע וועלען שטילען זייער הונגער, אַלץ מעהר דורשטיגע וועלען ערפרישען זייער דורשט.

דער ארבייטער רינג האָט ביז איצט זעהר פּיעל געטהאָן פאַר אונזערע ברידער און שוועסטער פון יענער זייט ים, אָבער וויפּיעל מען טהוט איז נאָך אַלץ וועניג. מען דאַרף טהאָן וויפּיעל מען קען און אויך מעהר, ווי מען קען.

פריינדע! נעהמט זיך גלייך צו דער ארבייט. זאָל גלייך ווערען לעבעדיג און טהעטיג. פיהרט דורך אינטערנעהמונגען, וועלכע איהר וועט געפינען פאַר פּאַסענד פאַר יעדע שטאָדט און שטעדטעל בעזונדער, און אויך אין אזא צייט אין פעברואר מאָנאט, וועלכע איז בעסער פאַר אייך, אָבוואָהל דער אָפיציעלער טאָג פון דער ערעפנונג פון סאַניטאריום איז בעשטימט אויף דעם 12טען פעברואר.

אין ניו יאָרק ווערט די אונטערנעהמונג דורכגעפיהרט פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע מיט די מיטווירקונג פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע. עס זיינען גענומען געוואָרען צווי טהעאטערע פאַר דעם 25טען פעברואר. די ברענטשעס דאַרפען צושטעלען דעם דזשענעראַל אָפיס וואס מעהר וואָלונטירען, וועלכע זאָלען געהן צו אַלע ברענטשעס און פערקויפען זיי טיקעטס צו דיזע טהעאטער פאָרשטעלונגען. די ברענטשעס קע־

נען איינשפּאָרען ארבייט דער נאַצ. עקז. קאָמיטע, אויב זיי וועלען אליין בעשליסען און אַריינשיקען אין דזשענעראַל אָפּיס אַן אָרדער פאַר אַ געוויסע צאָהל טיקעטס פאַר דעם בראַנטש.

עס וועט געשפּיעלט ווערען אין קעסלער׳ס טהעאַטער די בעריהמטע פּיעסע „יאַנקעל בוילע“ און אין טהאָמאַשעווסקי׳ס טהעאַטער וועט געשפּיעלט ווערען „דער וואַנדערער“.

די פּרייזען פון די טיקעטס זיינען ווי פאָלגט:

אין קעסלער׳ס טהעאַטער: אונטערשטע באָקס 2 ד., אויבערשטע באָקס 1.50 ד., אָרקעסטראַ 1 ד. ביז 50 ס., ערשטע באַלקאָני 1 ד. ביז 50 ס., צווייטע באַלקאָני 50 ס.

אין טהאָמאַשעווסקי׳ס טהעאַטער: אונטערשטע באָקס — 2 ד., אויבערשטע באָקס 1.50 ד., אָרקעסטראַ 1.50 ד. ביז 50 ס., ערשטע באַלקאָני 1 ד. ביז 50 ס., צווייטע באַלקאָני 75 ס. ביז 50 סענט.

צו דער ארבייט, פריינדע! און זאָל דיזע נאָבעלע ארבייט אונזערע געקרוינט ווערען מיט ערפאָלג.

מיט פריינדליבען גרוס,

נאַציאָנאַל עקזעקוטיווו קאָמיטע אר. רינג,
סאַניטאַריום דעפּאַרטמענט אַר. רינג,
י. באַסקין, דזש. סעקרעטער.

נ. ב. — מיר האָבען נייע פּיקטשורס פון אונזער סאַניטאַריום און דאָרט וואו מעגליך קענט איהר זיי צייגען אויף די פּילמס. שרייבט אין אָפּיס און איהר וועט זיי קריגען.

# 10 טויזענד נייע מעמבערס ביז׳ן קאָנווענשאָן.

## צו אַלע ברענטשעס פון אַרבייטער רינג.

ווערטהע פריינדע: —

מיר האָבען אייך שוין איינמאָל געלאָזט וויסען, אז די נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, מיט דער צושטימונג פון דער גאַנצער עקזעקוטיווו, האָט בעשלאָסען אָנצופיהרען אויף הייאָהר אַן אָרגאַניזאַציאָנס־קעמפּיין אריינצונעהמען נייע מעמבערס אין ארבייטער רינג. דער שלאַג־וואָרט פון דיזען קעמפּיין איז: נייע 10 טויזענד מעמבערס אין ארבייטער רינג ביז׳ן קאָנווענשאָן.

פריינדע, מיר דאַרפען אייך ניט דערצעהלען און שילדערען די איצטיגע לאַגע אין אַלגעמיין און די אומשטענדען אין אַרבייטער רינג ספּעציעל. איהר אַלע ווייסט דאָס. און ווייל איהר ווייסט דאָס, וועט איהר פערשטעהן די נויטווענדיגקייט און די וויכטיגקייט פון אזאַ קעמפּיין. איהר ווייסט, אז אין די איצטיגע שטורמישע צייטען ווען די בוואַליעס פון רעאַקציע און רעגרעס הויבען זיך אַזוי הויך און דראָהען צו פערטרינקען און צושמעטערען אַלעס, וואָס די ארבייטער מאַסען האָבען זיך ערוואָרבען אין פערלויף פון יאָהרען און יאָהרען, אין אַזעלבע צייטען, זאָגען מיר, איז נויטווענדיג אַ שטאַרקע געגען־קראַפט, אַ גוט דיסציפּלינירטע און אָרגאַניזירטע ארמעע פון פרייע דענקער, פרייע קעמפּפער פאַר אַלע הויכע אידעאַלען און פּרינציפּען. דער ארבייטער רינג איז אַ פליגעל פון דיזער ארמעע, אַ טייל פון דיזער רעוואָלוציאָנערער מחנה. און וואָס שטאַרקער ער וועט זיין, וואָס פעסטער און אָרגאַניזירטער ער וועט זיין, אַלץ אַ גרעסערע שטיצע און הילף וועט ער קענען געבען צו אַלע נאָבעלע אונטערנעהמונגען און ארויסטרעטונגען. און אויב אַ טייל פון אונז וועט צוליעב דער מלחמה ווערען ארויסגעריסען פון אונזערע רייהען, מוזען מיר זעהן, אז זייערע פלעצער זאָלען פערנעהמען אנדערע, פרישע און נייע קרעפטען, וועלבע זאָלען אָנפּיקען די וואַקאַנטע פלעצער.

מיר האָפען, פריינדע, אז יעדער איינער פון אייך, יעדער בעאַמטער פון ברענטש, אַזוי גוט ווי יעדער איינצעלנער מעמבער וועט זיך פיהלען פערפליכטעט צו טהאָן זיין טייל, צו ברינגען זיין חלק אויף דעם מזבח פון אמת׳ער פרייהייט און דעמאָקראַטיע.

זאָל יעדער איינער אריינברענגען נ אָ ר א י י ן נ י י ע ם מ ע מ ב ע ר און אונזער ציעל וועט מעהר ווי ערפיעלט ווערען. זאָל יעדער טרייען צו ווירקען אויף אַלע זיינע פריינד און בעקאַנטע, אין שאָפּ און אין סטריט, ביי פערזאַמלונגען און אַנדערש וואו, און מיר וועלען דאַן זיכער קומען צום קאָנווענשאָן מיט אַ נייע, צוגעקומענע ארמעע פון 10 טויזענד נייע רעקרוטען אין אונזער 60 טויזענדער אַלטער ארמעע.

פאָרווערטס, צו דער ארבייט, פריינדע, און אייער ארבייט וועט זיבער געקרוינט ווערען מיט ערפאָלג.

מיר ווילען דערביי בעמערקען, אז די נאַצ. עקז. קאָמיטע האָט בעשלאָסען צו פּרעזענטירען מיט אַ טייערע פאָונטען־פּען און עמבלעמס פון ארבייטער רינג, יעדען מעמבער, וועלכער וועט אריינברענגען נ י י ע פ י נ ף מ ע מ ב ע ר א י ן א ר ב י י ט ע ר ר י נ ג אָנפאַנגענדיג פון דעם 15טען דעצעמבער און ביז דער נעקסטער קאָנווענשאָן.

אונזער קאַמפּיין פאַנגט זיך אָן דעם 15טען דעצעמבער.

מיט פריינדליכען גרוס און מיט ווינשע פאַר ערפאָלג,

נאַציאָנאַל עקזעקוטיווו קאָמיטע אר. רינג,
אָרגאַניזאַציאָנס דעפּאַרטמענט,
י. באַסקין, דזש. סעקרעטער.

נ. ב. — מיר מאַכען אייך בעקאַנט, אז לויט דעם ספּעשעל רעפערענדום, וועלכער איז נאָר וואָס געשלאָסען געוואָרען, וועט דער ארבייטער רינג אריינגעהמען פערזאָנען אין דער עלטער פון קאָנסקריפּשאָן נ ו ר אין קלאַס 4, מיט דער פערשטענדניס, אז נאָך דער מלחמה, אָדער אויב זיי ווערען בעפרייט פון מיליטער דיענסט, האָבען זיי אַ רעכט זיך צו טראַנספערירען צו אַ העכערען קלאַס, ווען זיי וועלען דורבגעהן אַ מעדיקאַל עקזאַמינייש‌אָן.

פערגעסט אויך ניט, אז די נעמען פון די, וועלכע וועלען פאַרשלאָגען 5 מעמבערס און מעהר וועלען ערשיינען אויף אַן עהרען ליסטע אין „פריינד“ און אַניך אין דער טעגליכער פּרעסע. זעהט, אז יעדער מעמבער פון אייער ברענטש זאָל האָבען זיין נאָמען אויף דיזער עהרען־ליסטע.

## צו אַלע ברענטשעס פון אַרבייטער רינג.

ווערטהע פריינדע: —

אין אַ פאָריגען לעטער האָבען מיר אייך געלאָזט וויסען וועגען אונזער בעשלוס צו פערוואַנדלען אונזער סאַניטאַריום טאָג אין אַ טאָג פאַר שאַפען שטיצע פאַר אונזערע אומגליקליכע שוועסטער און ברידער פון אייראָפּאַ. שטיצע פאַר זיי מוז געשאַפען ווערען וואָס מעהר און וואָס שנעלער, אויב מיר ווילען ניט דערלאָזען, אז אַ גרויסער טייל פון אונזער פאָלק זאָל ניט אויסגעהן פון הונגער און קעלט.

פריינדע! די נאַצ. עקז. קאָמיטע האָט זיך אונטערנומען צו שאַפען, מיט אייער הילפע, אַ סומע פון ניט ווייניגער, ווי 25 טויזענד דאָלאַר פאַר דעם פּיפּעלס רעליעף פאָנד. אַזאַ סומע איז ניט צו גרויס פאַר׳ן אַרבייטער רינג. מיר זייגען זיבער, אז עס וועט געשאַפען ווערען נאָך פיעל מעהר, ווייל די ארבייטער רינג מעמבערס האָבען אימער געטהאָן זייער פליכט און זייגען געשטאַנען אין די פאָדערשטע רייהען פאַר יעדע נאָבעלע און הייליגע

ליגע ארבייט און עס איז ניט נויטיג צו אפעלירען צו אייך צו פיעל.

טהוענדיג אבער דיעזע ארבייט דארף מען אויך האבען אין זינען די אינטערעסען פון ארבייטער רינג, דעם שטאלץ און פרעסטי״ש פון אונזער ארגאניזאציאן. און דעריבער פערלאנגען מיר פון אייך אז יעדער סענט, יעדער ניקעל, איבערהויפט יעדע סומע וועלכע איהר וועט זאמלען, אדער געבען פון אייער טרעזשורי פאר דיעזען צוועק זאל אריינגעשיקט ווערען אין דזשענעראל אפיס, און דער אפיס וועט איבערגעבען מיט זיינע טשעקס דיזע סומע צו דער פיפעלס רעליעף קאמיטע. מיר וועלען אויך קוויטירען אין „פארווערטס" יעדע סומע, וועלכע מיר וועלען קריגען פון די ברענטשעס, ווי אויך פון יעדען איינצעלנעם מעמבער.

איבערהויפט איז זעהר וויכטיג, אז אלע געלדער, וועלכע ברענטשעס זאמלען אדער גיבען פון דער אייגענער טרעזשורי פאר אירגענד וועלכען צוועק, זאלען דורכגעהן דורך דעם דזשענעראל אפיס. מיר ווילען האבען די רעקארדס פון אלע טהעטיגקייטען פון די ברענטשעס אויף אלע געביטען פון געזעלשאפטליכען לעבען, אום דיזעס צו בעקאנט מאכען צו דער ברייטער וועלט און געבען זיי קרעדיט פאר זייער גוטע ארבייט.

מיר האפען, פריינדע, אז איהר וועט זיך ארייגווארפען אין דעם קאמפיין פאר די 25 טויזענד דאלאר מיט אייער גאנצע ענערגיע און מוטה און צייגען דער וועלט, אז דער ארבייטער רינג קען און איז פעהיג דורכצופיהרען יעדע נאבעלע אונטערנעהמונג, פאר וועלכע ער נעהמט זיך נאר.

איינליגענה געפינט איהר אויך א נאמיניישאן ליסט פאר מעמבערס פון דער נאצ. עקז. קאמיטע פון 1918—1919. לויט דער נייער קאנסטיטושאן וועלען די מעמבערס דארפען ערוועהלען אן עקזעקוטיוו קאמיטע פון 30 פערזאן. דיזע עקזעקוטיוו וועט זיך דערנאך אליין איינטהיילען אין פערשיעדענע דעפארטמענט־קאמיטעס צו טהאן די פערשיעדענע ארבייט פון די פערשיעדענע דעפארטמענטס. איהר קענט נאמינירען פאר די עקזעקוטיוו קאמיטע אזעלכע מעמבערס, וועלכע זיינען אין ארבייטער רינג ניט ווייניגער ווי 3 יאהר און וועלכע וואוינען אין ניו יארק אדער ארום ניו יארק, וואוהין די רייזע קאסטען הין און צוריק זיינען ניט מעהר ווי 50 סענט. די נאמיניישאן־ליסטע וועט געשלאסען ווערען דעם 1טען פעברואר. אלע נאמיניישאנס וועלכע וועלען אנקומען אין אפיס נאך דיזער דייט וועלען ניט אנגענומען ווערען.

מיט פריינדליכען גרוס,

נאצ. עקזעקוטיוו קאמיטע ארבייטער רינג,

י. באסקין, סעקרעטער.

---

## וועגען פאלקס אוניווערזיטעט

צו אלע ברענטשעס פון ארבייטער רינג.

ווערטהע פריינד: —

מיט א צייט צוריק האבען מיר אייך געשיקט א צושריפט וועגען דעם אר. רינג'ס פאלקס־אוניווערסיטעט דורך קארעספאנדענץ און ביז איצט האבען מיר אזוי וועניג פון אייך געהערט.

איז דאס מעגליך, אז אייער ברענטש אינטערעסירט זיך אזוי וועניג מיט בילדונג? איז דאס מעגליך, אז אייער ברענטש איז אזוי וועניג פעראינטערעסירט אין א פאלקס־אוניווערזיטעט פאר די אידישע ארבייטער־מאסען אין דער אידישער שפראך?

מיר בעטען אייך נאכאמאל דיעזע פראגע צו פערהאנדלען ביי אייער נעקסטען מיטינג.

אין אר. רינג'ס פאלקס־אוניווערזיטעט דורך קארעספאנדענץ ווערען געלערנט פאלגענדע געגענשטענדע: פיזיאלאגיע, ערשטער און צווייטער קורס — לעהרער דר. י. א. מעדיסאן; פאליטישע עקאנאמיע, ערשטער און צווייטער קורס — לעהרער א. ש. זאקס; געאלאגיע, ערשטער און צווייטער קורס — לעהרער דר. אב. קאספע.

יעדער געגענשטאנד איז איינגעטיילט אין צוויי קורסען. יעדער קורס — אין 10 לעקציעס. די שילער קריגען צוגעשיקט יעדע וואך א געדרוקטע לעקציע און אויב זיי איז עפעס ניט פערשטענדליך, פרעגען זיי עס אן ביים לעהרער און קריגען פון איהם א שריפטליכען ענטפער.

דער פרייז פון יעדען געגענשטאנד (פאר ביידע קורסען — 20 לעקציעס) איז 1 דאלאר פאר אן ארבייטער רינג מעמבער; ניט־מעמבערס צאהלען דאפעלט. מען קען זיך אויך פערשרייבען אויף בלויז איין קורס פון א געגענשטאנד (10 לעקציעס) פאר דעם פרייז פון 50 סענט.

האפענדיג, אז דיזער צושריפט וועט קריגען אייער געהעריגע אויפמערקזאמקייט, פערבלייבען מיר,

מיט פריינדליכען גרוס,

עדיוקיישאנאל קאמיטע אר. רינג,

ז. לאנדוי, סעק.

נ. ב. די קורסען וועלען אנפאנגען ארויסגעשיקט צו ווערען אין יאנואר 1918.

---

## וועגען קינדער־שוהלען.

צו אלע ברענטשעס פון גרייטער ניו יארק.

ווערטהער פריינד:

די עדיוקיישאנאל קאמיטע רופט א קאנפערענץ וועגען אידישע קינדער שולען פון אלע ברענטשעס פון אר. רינג אויף זונטאג דעם 20טען יאנואר 1918, 2 אוהר נאכמיטאג, אין „פארווערטס"־האלל, 175 איסט בראדוויי.

אויף דער לעצטער קאנווענשאן איז אנגענומען געווארען אויפצופאדערען די עדיוקיישאנאל קאמיטע

„ענערגיש אנצוגעהן מיט דער ארבייט פון ארגאניזירען נייע און העלפען די שוין עקזיסטירענדע שוהלען, וואו מען זאל געבען די קינדער פון ארבייטער רינג א ראדיקאלע און סאציאליסטישע ערציהונג אין אידיש אדער ענגליש.

„זי רעקאמענדירט אויך צו גרינדען אין ניו יארק א אידישע ארבייטער רינג מוסטער שוהלע, און אסיגנירט אויף דעם 1,000 דאלאר. און אויף וויפיעל עס איז מעגליך, אנהויבען ארויסצוגעבען קינדער־ליטעראטור און לעהר־ביכער פאר די שוהלען.

„דיעזע רעקאמענדיישאן ווערט איבערגעגעבען צו דער נעכסטער עדיוקיישאנאל קאמיטע צו פערהאנדלען".

די עדיוקיישאנאל קאמיטע וויל אבער פריהער וויסען דעם סענטימענט פון די ברענטשעס און דערפאר רופט זי דיזע קאנפערענץ.

מיר בעטען אייך אויפצונעהמען די פראגע וועגען קינדער־שוהלען ביי אייער מיטינג, פערהאנדלען זי און אויסקלייבען צוויי דעלעגאטען צו דער קאנפערענץ פון 20טען יאנואר.

גלויבענדיג, אז די פראגע וועגען קינדער־שוהלען וועט קריגען אייער געהעריגע אויפמערקזאמקייט, פערבלייבען מיר מיט פריינדליכען גרוס,

עדיוקיישאנאל קאמיטע אר. רינג,

ז. לאנדוי, סעקרעטער.

---

## איילט זיך צו.

בלויז א קליינע צאהל סעטס זיינען פערבליבען פון די ערשטע פינף ביכער פון דער „ארבייטער רינג'ס ביבליאטהעק". איילט זיך צו, אויב איהר ווילט זיך פערשאפען דיזען ווערטפולען סעט פאר דעם קליינעם פרייז פון איין דאלאר.

# זיצונגען פון דער נאציאנאלער עקז. קאמיטע א. ר.

דער רעגולער מאנאטליכער מיטינג פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו קאמיטע ווערט ערעפענט זונטאג דעם 9טען דעצעמבער, אום 10.30 פריה, פון טשערמאן פר. אב. עפשטיין.

## רעפארט פון דער צעהלער קאמיטע.

פריינד גאלריג בעריכטעט, אז פריינד וויינבלאט און ער האבען איבערגעצעהלט די רעפערענדום באלאטס פון די ניישאנאל באארד אוו דירעקטארען און פון אריינגנעהמען נייע מעמבערס אין קאנסקריפט עלטער. דער רעזולטאט פון דער אבשטימונג צייגט, אז פאלגענדע זיינען ערוועהלט געווארען אין דער ניישאנאל באארד אוו דירעקטארען פון 1918־1919:

פון ניו יארק סטייט פריינד מ. י. אשפיז, פון בר. 410.
פון פענסילווייניא סטייט, פר. ה. טייטעלמאן, פון בר. 265.
פון ניו דזשוירסי סטייט, פר. ב. סלאווין, בר. 308.
פון מישיגען סטייט, פר. ש. שקלאווין, פון בר. 156.
פון אילינאי סטייט, פר. ל. בענענסאן, פון בר. 162.
פון מעין סטייט, פר. ה. קינבארן, פון בר. 317.
פון קאנעקטיקוט סטייט, פר. ה. יאנאווסקי, פון בר. 15.
פון מערילאנד סטייט, פר. ע. סאקאלאף, פון בר. 67.
פון מינעסאטא סטייט, פר. ד. שייער, פון בר. 571.
פון ווירדזשיניא סטייט, פר. וו. ראזען, פון בר. 212.
פון רהאד איילאנד סטייט, פר. דזש. חלק, פון בר. 110.
פון וויסקאנסין סטייט, פר. א. ראסקין, פון בר. 484.
פון אהייא סטייט, פר. ל. מ. דזשאספער, פון בר. 463.

דער רעפערנדום פון ניישאנאל באארד אוו דירעקטארס אין קענעדע וועט זיך שליסען אין יאנואר.

געגען דעם באלאט פון בר. 485, דעטראיט, איז אריינגעקומען אן אבדזשעקשאן אויף פאלגענדען גרונד: דער ברענטש האט גערופען א ספעשעל מיטינג צו שטימען דעם רעפערענדום וועגען ניישאנאל באארד אוו דירעקטארען. זיי האבען אבער דיזען רעפערענדום געשטימט ערשט ביי'ם נעקסטען מיטינג, וועלכער איז ניט גערופען געווארען פאר דעם צוועק. די קאמיטע האט בעשלאסען אנצונעהמען די אבדזשעקשאן און דעם באלאט ניט צו צעהלען. אראבנעהמענדיג די 10 שטימען פאר פר. שקלאווין און די 2 שטימען פאר דעם געגען קאנדידאט, פר. י. הארוויטש, וועט עס דאך ניט ענדערען דעם רעזולטאט פון דער אבשטימונג אין מישיגען סטייט.

פריינד וויינבלאט בעריכטעט, אז דער רעזולטאט פון צווייטען רעפערענדום וועגען אריינגעהמען נייע מעמבערס אין קאנסקריפט־עלטער איז ווי פאלגט:

פאר דעם ערשטען פונקט, וואס לעזט זיך, אז קאנדידאטען פאר מעמבערס אין ארבייטער רינג אין דעם עלטער פון קאנסקריפשאן זאלען אריינגענומען ווערען פאר דעה צייט, וואס די מלחמה וועט אנהאלטען, אלס מעמבערס נור פון קלאס 4, מיט דער פערשטענדניס, אז נאך דער מלחמה, אדער אויב זיי ווערען בעפרייט פון מיליטער דיענסט, זאלען זיי האבען א רעכט צו טרענספערירען זיך צו א העכערען קלאס, ווען זיי וועלען דורכגעהן א מעדיקאל עקזאמינײשאן, — איז אבגעגעבען געווארען 2,524 שטימען.

פאר דעם צווייטען פונקט, וואס לעזט זיך, אז קאנדידאטען פון קאנסקריפשאן עלטער זאלען קענען אריינגענומען ווערען אין וועלכען קלאס זיי ווילען, נאר זיי זאלען דארפען אונטערשרייבען א „וויוער", אז אין פאל זיי וועלען פאלען אין דער מלחמה זאלען זייערע יורשים זיין בערעכטיגט ניט מעהר, ווי צו 100 דאלאר טויטען בענעפיט, — איז אבגעגעבען געווארען 761 שטימען.

דער רעפארט ווערט גוט געהייסען.

## רעפארט פון פראטוירנאל רייטס קאמיטע.

פריינד אב. עפשטיין בעריכטעט, אז ביז יעצט האבען זיך בעטהייליגט אין דעם רעפערענדום וועגען פראטוירנאל רייטס מעהר ווי 400 ברענטשעס. די פראטוירנאל רייטס קאמיטע ווי אויך די מיטגליעדער פון דער עקזעקוטיווע האבען ערפילט זייער פליכט און געארבייט אין דעם גייסט, ווי עס איז בעשלאסען געווארען ביי דער לעצטער קאנווענשאן.

אזוי ווי דער רעפערענדום ווערט געשלאסען דעם 15טען דעצעמבער, רעקאמענדירט ער צו ערוועהלען גלייך א צעהלער קאמיטע.

עס ווערען ערוועהלט פריינדע פריימאן און ל. ראטהמאן.

דער בעריכט ווערט גוט געהייסען.

עס ווערט בעשלאסען צו האבען א ספעשעל מיטינג מיטוואך אבענד, דעם 19טען דעצעמבער, אויפצונעהמען דעם בעריכט איבער דעם רעפערענדום וועגען פראטוירנאל רייטס.

## רעפארט פון סאניטאריום־רעליעף טאג.

פריינד גוסקין בעריכטעט, אז די קאמיטע, וואס איז ערוועהלט געווארען פון דער עקזעקוטיוו האט געמיטעט צוזאמען מיט דער סאניטאריום קאמיטע. ער (גוסקין) איז ערוועהלט געווארען אלס טשערמאן און פר. וואהלבערג אלס סעקרעטער.

ער דייטעט אן, אז אייגענטליך האט די סאניטאריום קאמיטע נאך פריהער בעשטימט צו מאכען אזא פייערונג פון סאניטאריום טאג. די אלגעמיינע קאמיטע האט בעשלאסען צו נעהמען צוויי טהעאטער פארשטעלונגען און דער פראפיט זאל געהן פאר די מלחמה קרבנות. עס איז גענומען געווארען טהאמאשעווסקי'ס טהעאטער, וואו עס וועט געשפיעלט ווערען „דער וואנדערער" און קעסלער'ס טהעאטער, וואו עס וועט אויפגעפיהרט ווערען „יעקיל דער שמיעד" —ביידע פאר דעם 25טען פעברואר.

עס איז בעשלאסען געווארען צו ווענדען זיך צו אלע סיטי און דיסטריקט קאמיטעס ווי אויך די ברענטשעס איבער'ן לאנד, דאס זיי זאלען זעהן מאכען אונטערנעהמונגען פאר'ן סאניטאריום טאג און העלפען שאפען א פאנד פאר די מלחמה ליידענדע אין אייראפא.

אין ניו יארק וועט גערופען ווערען א קאנפערענץ פון אלע ברענטשעס, אום זיך דורכצורעדען, ווי די ארבייט קען אם בעסטען אנגעפיהרט ווערען. זיי ווילען שיקען פערטרעטער מיט טיקעטס צו די ניו יארקער ברענטשעס און זיי וועלען זיך ווענדען וועגען דעם צו דער ניו יארק סיטי ארג. קאמיטע צו העלפען זיי אין דער ארבייט.

דער בעריכט ווערט גוט געהייסען.

פריינד גאלדבערג רעקאמענדירט צו נעהמען א דריטע טהעאטער פארשטעלונג, ווייל ער איז זיכער, אז דיזע אונטערנעהמונג וועט זיין ערפאלגרייך.

דער טשערמאן, פר. אב. עפשטיין, ענטפערט איהם, אז די קאמיטע וועט דאס ביים נעקסטען מיטינג נעהמען אין אנבעטראכט. ער דייטעט אן, אז מען דארף זעהן, אז אלע געלדער וואס ברענטשעס בעוויליגען פאר אירגענד וועלכע געזעלשאפטליכע ארבייט, זאלען געשיקט ווערען דורכ'ן אפיס, כדי צו האבען א רעקארד וועגען דער אלגעמיינער טהעטיגקייט פון ארבייטער רינג.

אויף דעם פארשלאג פון פר. פערלאוויץ ווערט בעשלאסען, אז די געלדער וואס וועלען אריינקומען פון ברענטשעס און מעמבערס פאר רעליעף זאלען יעדע וואך קוויטירט ווערען אין „פארווערטס".

פר. פריימאן ערקלערט, אז בר. 39 האט בעשטימט צו בעווילינגען 20 פראצענט פון דעם פראפיט פון זייער יעהרליכען באלל פאר רעליעף.

## רעפּאָרט פון קאָנווענשאָן קאָמיטע.

פריינד גוסקין, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, בעריכטעט, אַז זיי האָבען געהאַט אַ מיטינג און זיך קאָנסטיטואירט. ווי זיי האָבען אויסגעפונען, וועט די ערעפענונג פון דער קאָנווענשאָן דיזען יאָהר ניט קענען פּאַרקומען דעם 1טען מאַי, ווייל מען קען אין פּיטסבורג ניט קריגען אויף דעם טאָג קיין פּאַסענדען האָלל. עס איז דאַרום בעשלאָסען געוואָרען צו ערעפענען די קאָנווענשאָן דעם 5טען מאַי. וועגען איינצעלהייטען, וואָס זייענען פערבונדען מיט דעם אַראַנזשירען פון דער קאָנווענשאָן, וועלען זיי ערשט קענען בעשטימען נאָך דעם ווי זיי וועלען זיך דורכשרייבען מיט דער פּיטסבורגער אַרענדזשמענט קאָמיטע.

עס איז בעשטימט געוואָרען צו בעוויליגען די אויסגאַבען פון האָל פאַר דער ערעפענונג, פאַר'ן קאָנווענשאָן האָל, דעקאָריישאַנס, בעדזשעס א. ד. ג.

דער בעריכט ווערט גוט געהייסען.

* * *

פריינד גאָלדינג בעריכטעט, אַז זייענדיג בעאויפטראַגט פון אָפיס, איז ער דעם 25טען נאָוועמבער געפאָהרען אין פּאָרטשעסטער צו דער רעליעף אונטערנעהמונג, וואָס איז אַראַנזשירט געוואָרען פון דעם אַרבייטער רינג ברענטש. ער האָט אַפּעלירט צו זיי צו שטיצען די אידישע מלחמה קרבנות, און אָבוואָהל די אידישע בעפעלקערונג איז דאָרט זעהר אַ קליינע, האָט די אונטערנעהמונג אַריינגעבראַכט אַרום 50 דאָלאַר.

דער בעריכט ווערט גוט געהייסען.

* * *

פריינדע ל. ראָטהמאַן און פלאַשענבערג בעריכטען, אַז שבת דעם 1טען דעצעמבער, זייענען זיי געווען פערטראַטען ביי דער אַלגעמיינער רעליעף קאָנפערענץ. עס איז איבערגעגעבען געוואָרען דער בעשלוס פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע צו פערוואַנדלען דיזען יאָהר די פייערונג פון סאַניטאַריום אין אַ טאָג פון שאַפען שטיצע פאַר די אידישע מלחמה קרבנות. דיזער בעשלוס איז פון דער קאָנפערענץ זעהר וואַרעם אויפגענומען געוואָרען. אין אַלגעמיין איז דער אַרבייטער רינג געווען דאָרט זעהר שעהן פערטראַטען.

דער בעריכט ווערט גוט געהייסען.

* * *

פר. באַסקין בעריכטעט, אַז ער איז געווען פערטראַטען ביי דעם מאַס־מיטינג וואָס איז אַראַנזשירט געוואָרען לכבוד דעם 20 יעהריגען יובילעאום פון „בונד". ער האָט בעגריסט די פערזאַמלונג אין נאָמען פון אַרבייטער רינג.

דער בעריכט ווערט גוט געהייסען.

## צום אָנדענקען פון פר. מ. טערמאַן.

דער טשערמאַן בעט די עקזעקוטיווע מיטגליעדער צו בעעהרען דעם אָנדענקען פון דעם פערשטאָרבענעם פריינד מ. טערמאַן, געוועזענעם מעמבער פון דער נאַצ. עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע, מיט אויפהויבען זיך פון די פלעצער. עס ווערט אויך בעשלאָסען צו פערעפענטליכען אין דער פרעסע די פאָלגענדע טרויער רעזאָלוציאָן:

„מיט דעם פריהצייטיגען טויט פון גענאָסע משה טערמאַן איז אוועקגערויבט געוואָרען איינער פון די וואַרעמסטע פריינד פון דער אידישער אַרבייטער בעוועגונג בכלל און פון דעם אַרבייטער רינג בפרט. גענאָסע מ. טערמאַן האָט זיך אויסגעצייכענט מיט זיין טרייהייט און איבערגעבענהייט צו דער אַרבייטער־זאַך און דיזע טרייהייט און איבערגעבענהייט האָט ער פערקערפּערט אין אַלעס וואָס ער האָט געטהאָן פאַר דער אַרבייטער בעוועגונג, ביי פאַר דעם „בונד" אין רוסלאַנד, סיי פאַר דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און דעם אַרבייטער רינג אין אַמעריקא.

עהרע זיין אָנדענקען, פריינד און גענאָסע מ. טערמאַן!

## רעפּאָרט פון דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע.

פריינד רינערשטיין, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, בעריכטעט, אַז בר. 250, פּיטסבורג, האָט געבעטען צו שיקען אַ פערטרעטער, אויב מעגליך פריינד אב. עפּשטיין, צו זייער 10טען יעהרליכען יובילעאום, וואָס וועט געפייערט ווערען דעם 6טען יאַנואַר. זיי וועלען דאַמאָלס אויך אָנפיהרען אַ קאַמפּיין צו פערגרעסערען זייער מעמבערשיפּ. עס איז בעשטימט געוואָרען צו בעוויליגען זייער פערלאַנג, נאָר בעטען זיי צו ענדערען דעם דייט, ווייל דאַמאָלס וועט זיין דער מאַנאַטליכער מיטינג פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע קאָמיטע.

אַ ליפלעט וועגען די פונקציאָנען פון די סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס איז אָבגעדרוקט און פערנאַנדערגעשיקט געוואָרען. אויך איז אַרויסגעשיקט געוואָרען אַ צושריפט צו די דיסטריקט קאָמיטעס וועגען דעם מעמבערשיפּ קאַמפּיין.

אַ געוויסער מיטגליעד פון בר. 248, לאָס אַנדזשעלעס, האָט פערלאַנגט, אַז מען זאָל איהם טראַנספערירען אַלס מעמבער עט לאַרדזש, ווייל ער קען ניט האַרמאָנירען מיט דעם ברענטש. די קאָמיטע האָט בעשלאָסען איהם ענטפערען, אַז ער קען זיך טראַנספערירען אין אַ צווייטען ברענטש, אָבער ניט אַלס מעמבער עט לאַרדזש, ווייל אין פלעצער וואו עס זייענען דאָ אַרבייטער רינג ברענטשעס קענען, לויט אונזער קאָנסטיטושאָן, קיין מעמבערס עט לאַרדזש ניט זיין.

עס זייענען געאָרדערט געוואָרען באַנטען פּענס מיט דעם ספּעציעלען עמבלעם פון אַרבייטער רינג צו פּרעזענטירען יעדען, וואָס וועט פערשלאָגען פינף נייע אָדער מעהר מיטגליעדער אין דער צייט פון מעמבערשיפּ קאַמפּיין.

בר. 606, פריהאָלד, נ. דזש., האָט בעשלאָסען צו טעקסען יעדען מעמבער מיט 50 סענט פאַר'ן רעליעף פאָנד.

די ניו הייווען דיסטריקט קאָמיטע אַראַנזשירט אַ מאַס־מיטינג און קאָנצערט פאַר דעם צוועק פון צוציהען נייע מעמבערס. זיי האָבען געבעטען צו שיקען צו דיזען מיטינג צוויי פערטרעטער.

פר. עפּשטיין איז געשיקט געוואָרען צו בר. 292, רעדינג, פּא., צו זייער 5טען יעהרליכען יובילעאום. זיי האָבען צו דער געלעגענהייט אַראַנזשירט אַ טהעאַטער אונטערנעהמונג פאַר די מלחמה קרבנות. ער האָט זיך דורכגערעדט מיט איניגע מעמבערס וועגען פייערען דעם סאַניטאַריום טאָג און העלפען שאַפען פאָנדס פאַר די מלחמה ליידענדע, וועגען מעמבערשיפּ קאַמפּיין א. ד. ג. צווישען די אַקטען האָט ער אַפּעלירט צו שטיצען די אידישע מלחמה קרבנות אויף יענער זייט ים, און עס איז געמאַכט געוואָרען אַ קאָלעקשאָן פון 275 דאָלאַר. צוזאַמען האָט דער איינקונפט פון דער פאָרשטעלונג וועט עס וואַהרשיינליך אַריינברענגען אַרום 350—400 דאָלאַר. דאָס האָט געגעבען פיעל פּרעסטיזש דעם דאָרטיגען ברענטש.

פר. גערשאַנאָף איז געווען ביים ברענטש 208, ניו בראַנזוויק, צו שליכטען אַ סכסוך אין בעצוג צו דריי מעמבערס, וואָס זיינען ניט געווען אָנגעשלאָסען אין פּיינטערס יוניאָן. פריינד גערשאַנאָף איז געלונגען צו שליכטען דעם סכסוך אין די פּיינטערס יוניאָן האָט בעוויליגט צו רעדוצירען פאַר זיי די איינטריטס געלד פון 50 אויף 25 דאָלאַר.

זיי האָבען געהאַט אַ געמיינשאַפטליכען מיטינג מיט דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע און זיך דורכגערעדט, ווי צו אָרגאַניזירען, אַז די אינטעליגענטערע טהוער איבער'ן לאַנד זאָלען זיך בייטען מיט פּאָרטראַגע און איינלייטונגען: די טהוער פון מילוואָקי, צום ביישפּיעל, זאָלען פאָהרען אין ראַסיין און די טהוער פון ראַסיין זאָלען קומען אין מילוואָקי. דאָס וואָלט פיעל געהאָלפען אויפלעבען די קולטורעלע און אָרגאַניזאַציאָנס אַרבייט צווישען די ברענטשעס.

פריינד רינערשטיין בעריכטעט, אַז ער איז געשיקט געוואָרען פון דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע אויף אַ קורצען טור צו בעזוכען אַ געוויסע צאָהל ברענטשעס איבער'ן לאַנד. דאָס בעזוכען ברענטשעס פון צייט צו צייט ברענגט זעהר פיעל נוצען. אין די קלענערע שטעדטלאַך איז דאָס לעבען אומעטיג און איינאַרטיג. ווען עס קומט אַ נייער מענש, ברענגט ער מיט זיך אַ געוויסע אויפלעבונג און וועקט דעם פערלאַנג פאַר וויטערדיגע אַרבייט. וועגען זיין טור גיט ער איבער פאָלגענדעס:

אין גרענד רעפּידס, מישיגען, בעזעצען זיך די אידישע אַרבייטער בלויז אויף אַ קורצע צייט. דאָך איז דער אַר. רינג ברענטש דאָרט אַ גאַנץ שעהנער. זיי פערנעהמען זיך מיט גע־

זעלשאַפטליכע ארבייט און זיינען אויך די איינציגע וואָס טהוען רעליעף ארבייט אין שטאָדט. זיי נעהמען אָן מיטלען צו גרינדען ברענטשעס אין לעסינג און בעי סיטי און צוציהען נייע מעמבערס צו זיך אין ברענטש. זיי האָבען געבעטען, אַז אויב מען קען זיי ניט פעראייניגען מיט א דיסטריקט קאָמיטע, זאָל די רעטראָיט סיטי קאָמיטע זיי בעזובען.

אין סאוטה בענד, אינדיאַנא, פערנעהמט הער אר. רינג ברענטש אן אָנגעזעהענעם פּלאַץ און האָט א שטאַרקען איינפלוס אויף דער אָרטיגער אידישער בעפעלקערונג. זיי האָבען אן אייגענע לייברערי און גיבען ארוים ביכער צו לעזען. כמעט אלע מעמבערס פון דעם דאָרטיגען ברענטש זיינען מיטגליעדער פון דער סאָציאַליסטישער פּארטיי.

אין קענאשא, וויסקאָנסין, איז דער ברענטש א שוואַכער. די פרויען פון די מעמבערס האָבען פערשפּראָכען, אַז זיי וועלען אליין זיך אָנשליסען און אויך זעהן קריגען נייע מיטגליעדער, אום אויפצולעבען דעם ברענטש.

אין ראסין, וויסקאָנסין, איז דער ברענטש א טהעטיגער. זיי האָבען אינטעליגענטע טהוער און אראַנזשירען לעקטשורס און אונטערנעהמונגען. זיי האָבען פערשפּראָכען צו ארבייטען אין דעם יעצטיגען מעמבערשיפּ קאמפּיין. דער ברענטש אין אלגעמיין מאַכט זעהר א גוטען איינדרוק.

אין מילוואָקי האָט פר. דינערשטיין געהאַט א מיטינג מיט דער דיסטריקט קאָמיטע און מיט פערטרעטער פון ברענטשעס 166, 425, 448, 549. די דיסטריקט קאָמיטע האָט ניט געקענט טהאָן פיעל ארבייט, ווייל זיי זיינען געווען פערנומען מיט דעם בויען פון א לייבאָר לייסעאום. אויסער דעם האָבען איינינגע מיטגליעדער געשטערט אין דער ארבייט. פיעל מיספערשטענדניס איז דאָרט ארויסגעקומען איבער דער פראַגען צו די ארבייטער רינג ברענטשעס זאָלען אין געזעלשאַפטליכע טהעטיגקייט זיך פעראייניגען מיט דער אידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציאָן. די מיינונג פון אלע, אויסער פיער, איז געווען, אַז מען זאָל פאָרטזעצען די ארבייט געמיינשאַפטליך מיט דער פעדעראַציע. ער האָט אויך געהאַט א דזשאָינט מיטינג פון אלע אָרטיגע ברענטשעס, וואו עס איז הויפּטזעכליך פערהאַנדעלט געוואָרען די פראַגע וועגען ארבייטען צוזאַמען מיט דער אידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציאָן פאַר א לייבאָר לייסעאום. פריינד דינערשטיין האָט זיך אויסגעדריקט פאַר דעם, אַז די ברענטשעס זאָלען ארבייטען געמיינשאַפטליך מיט דער פעדעראַציאָן.

זיי האָבען אויך מיט א צייט צוריק אַראַנזשירט צוויי גרויסע מאַס־מיטינגען צו פייערען די רוסישע רעוואָלוציאָן. ביידע מיטינגען זיינען געוועזן ערפאָלגרייך.

אין קענסעס סיטי איז ער אַנוועזענד געוועזן ביי א זיצונג פון דער דיסטריקט קאָמיטע צוזאַמען מיט פערטרעטער פון די ברענטשעס. דאָרט איז פאָרגעקומען א סכסוך וועגען איינינגע מיטגליעדער, וואָס זיינען טראַנספערירט געוואָרען אלס מעמבערס עט לאַרדזש. די עטליכע מעמבערס האָבען געגרינדעט א ברענטש פון א צווייטען פראַטוירנאַל אָרדען, אום דאַדורך צו שטערען די ארבייט פון אונזערע ברענטשעס. פר. דינערשטיין איז אויך געוועזן ביי א דזשאָינט מיטינג פון די ברענטשעס און גערעדט צו די מעמבערס, וואָס האָבען זיך אָנגעשלאָסען אן דער געגנערישער אָרגאַניזאַציאָן צוליעב דעם וואָס די איינינגע מעמבערס עט לאַרדזש, די אָרגאַניזאַטאָרס פון דער נייער אָרגאַניזאַציאָן, האָבען זיי איינפאַך מיסאינפאָרמירט. די ברענטשעס זיינען דאָרט גאַנץ טהעטיג אויף דעם געביעט פון שאַפען שטיצע פאַר די מלחמה קרבנות. זיי האָבען געבעטען צו שיקען צו זיי אַפּטער פערטרעטער פון דער עקזעקוטיוו און פערשפּראָכען צו טהאָן גוטע ארבייט.

דער ברענטש אין שיבאָגען, וויסקאָנסין, האָט לעצטען יאָהר אין דער צייט פון מעמבערשיפּ קאמפּיין ארייננענומען א צאָהל נייע מעמבערס. אונטער די אומשטענדען האָבען זיי געטהאָן זעהר פיעל. זיי האָבען אן אייגענע לייברערי, דורך וועלכע זיי פעראינטערעסירען די אָרטיגע יוגענד. זיי אינטערעסירען זיך מיט אלע וויכטיגע געזעלשאַפטליכע פראַגען און שטיצען אלע ראַדיקאַלע אונטערנעהמונגען. דער ברענטש גיט אָב פיעל ארבייט צו זעהן, אַז מעמבערס זאָלען ניט געשטראָכען ווערען. די ארבייטער רינג מעמבערס זיינען געוועזן די גרינדער פון דער רעליעף קאָמיטע אין שיבאָגען.

מעדיסאָן, וויסקאָנסין, האָט אונטער די אומשטענדען געטהאָן גוטע ארבייט. הויפּטזעכליך צייכנען זיי זיך אויס אויף דעם פעלד פון רעליעף טהעטיגקייט. לעצטען יאָהר, אין דעם אלגעמיינען טעג־טאָג האָבען זיי געזאַמעלט 550 דאָלער און אין דעם ארבייטער רינג טעג דעי האָבען זיי געשאַפען 100 דאָלער. זיי האָבען ניט קיין פּלאַץ וואו צו מיטען און די שוהל, וואו זיי האַלטען אָפּ זייערע מיטינגען, פערמאַכט מען אַזוי שנעל ווי זיי רעדען וועגען סאָציאַליזם אָדער סאָציאַליסטישע אונטערנעהמונגען. די דאָרטיגע שוהל אידען צייכענען זיך אויס מיט זייער ביטערען האַס געגען די סאָציאַליסטען. דער ברענטש האָפט צו קענען אויפטהאָן פיעל מעהר, ווען זיי וועלען האָבען אן אייגענעם לייבאָר לייסעאום, פאַר וועלכען זיי ארבייטען יעצט זעהר ענערגיש. דאָס שטעטעל איז קליין — אין גאַנצען געפינען זיך דאָרט ארום 150 אידישע פאַמיליעס.

אין סט. פּאול, מינעסאָטא, האָט ער געהאַט א דזשאָינט מיטינג מיט די ברענטשעס. ביידע ברענטשעס גיבען זיך אָב מיט עדיוקיישאָנאַל ארבייט — אַראַנזשירען פון צייט צו צייט לעקטשורס און אונטערנעהמונגען. ער האָט דאָרט גערעדט וועגען דעם מעמבערשיפּ קאמפּיין, וועגען פייערען דעם סאַניטאַריום טאָג צו העלפען שאַפען א פאָנד פאַר די אידישע מלחמה קרבנות און דאָס גלייבען. די ברענטשעס זיינען זעהר טהעטיג.

אין מינעאַפּאָליס האָט ער אַטענדעט א מיטינג פון דער דיסטריקט קאָמיטע צוזאַמען מיט פערטרעטער פון די ברענטשעס. פאַר מאַנכע זיינען ניט קלאָר געוועזן די אויפגאַבען פון דער דיסטריקט קאָמיטע און ער האָט זיי וועגען דעם ערקלערט. עס האָט זיך ארויסגעצייגט, אַז די דיסטריקט קאָמיטע האָט גערופען מיטינגען פון איינינגע ברענטשעס און מאַנכע זיינען אין גאַנצען ניט בעזוכט געוואָרען. פר. דינערשטיין האָט זיי אָנגעצייגט, אַז זיי דאַרפען זעהן ארבייטען האַנד אין האַנד מיט דער דיסטריקט קאָמיטע, ווייל מיט פעראייניגטע קאָנצענטרירטע קרעפטען קען יעדע אונטערנעהמונג ערפאָלגרייך דורכגעפיהרט ווערען. ער האָט אויך געהאַט א דזשאָינט מיטינג פון אלע ברענטשעס און זיך דורכגערעדט וועגען ווייטערדיגע טהעטיגקייט. די ברענטשעס געפינען זיך דאָרט אין א זעהר גוטען צושטאַנד. זיי אונטערשטיצען די יוניאָנס און די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי און פערנעהמען אן אָנגעזעהענעם פּלאַץ אויף דער אידישער גאַס. מאַנכע פון די ברענטשעס האָבען לאָן פאָנדס. אלע האָבען פערשפּראָכען צו פערגרעסערן זייער מיטגליעדערשאַפט אין דעם יעצטיגען מעמבערשיפּ קאמפּיין.

די פרויען פון די אר. רינג מעמבערס האָבען געגרינדעט א ליידיס אוקזילערי, וועלכע טהוט אין שטאָדט גלענצענדע געזעלשאַפטליכע ארבייט. זיי אַראַנזשירען לעקטשורס און עפענטליכע דעבאַטען איבער וויכטיגע צייט־פראַגען. פאַר דער קורצער צייט פון דער עקזיסטענץ פון דער קערפּערשאַפט האָבען זיי זיך שוין ערוואָרבען א נאָמען אין מינעאַפּאָליס. איינע פון די הויפּט פיהרערינס פון דער ליידיס אוקזילערי איז מרס. פריעדמאַן, די פרוי פון סעקרעטער פון דער דיסטריקט קאָמיטע.

דער ברענטש אין סו־סיטי, אייאָווא, איז זעהר טהעטיג. זיי נעהמען א טיכטיגען אנטהייל אין יעדע סאָציאַליסטישע ארבייט. אלע מעמבערס פון ברענטש זיינען מיטגליעדער פון דער פעדעראַציאָן. די פרויען פון די מעמבערס האָבען פערשפּראָכען זיך אליין אָנצושליסען און זעהן קריגען אַנדערע נייע מיטגליעדער. זיי אַראַנזשירען לעקטשורס און פון צייט צו צייט טהעאַטער פאָרשטעלונגען מיט אייגענע קרעפטען.

אין אָמאַהאַ, נעבראַסקאַ, האָט ער אַדרעסירט א דזשאָינט מיטינג פון ביידע ברענטשעס. ער האָט זיי אויפגעפאָדערט צו בעטהייליגען זיך אין דעם מעמבערשיפּ קאמפּיין און אין דעם סאַניטאַריום רעליעף טאָג. די ברענטשעס זיינען אין אלגעמיין גאַנץ טהעטיג.

אין לינקאָלן, נעב., איז די אידישע בעפעלקערונג א קליינע. דער אר. רינג ברענטש רופט זיך אָב אויף אלע געזעלשאַפטליכע פראַגען. אָבוואָהל די מיטינגען ווערען ביי זיי שוואַך בעזוכט,

דאָך ווערען פראַגען ערנסט דיסקוטירט. די מעמבערס בעלאַנגען דאָרט צום אַרבייטער רינג מעהר אויס אידעאַל, ווי צוליעב די בענעפיטס. די מיטגליעדער פון ברענטש ווילען יעצט עפּענען אַ ראַדיקאַלע שולע. צוזאַמען מיט אַנדערע אָרגאַניזאַציאָנען טהוען זיי גוטע רעליעף אַרבייט.

אין סט. דזשאָזעף, מיזורי, זיינען די ברענטשעס גאַנץ לעבעדיג. זיי האָבען שטאַרקע קאַסעס און אונטערשטיצען יעדע ראַדיקאַלע אונטערנעהמונג. זיי שיקען קאָמיטעס צו די געשטראָכענע מיטגליעדער און זעהן, אַז זייער מעמבערשיפּ זאָל ניט פערקלענערט ווערען. זיי פעהלען טהוער און זיי גלויבען, אַז מיט אַ דיסטריקט קאָמיטע וואָלטען זיי געקענט טהאָן פיעל מעהר.

אין אינדיאַנאַפּאָליס, אינדיאַנאַ, איז ער געווען ביים מיטינג פון בר. 175 און ביים דזשאָינט מיטינג פון ביידע ברענטשעס. מיט אַ צייט צוריק איז דאָרט פאָרגעקומען אַ סכסוך וועגען אַ געוויסע צאָהל מעמבערס, וועלכע האָבען געשטימט אין די פריימערים פאַר אַ ראַדיקאַלען דעמאָקראַטישען קאַנדידאַט פאַר מעיאָר. דאַמאָלס האָט עקזיסטירט איין ברענטש, בר. 175. די האַנדלונג פון דיזע מעמבערס האָט ביי פיעלע אַרויסגערופען אַ שטאַרקע אונצופריעדענהייט און די אונצופריעדענע האָבען זיך נאַכהער אָבגעטהיילט און געגרינדעט בר. 187. ביי דעם דזשאָינט מיטינג האָט פר. דינערשטיין זיי ערקלערט, אַז עס איז דורבאויס ווינשענסווערטה, דאָס אין רעליעף אַרבייט אַזוי גוט ווי אין אַנדערע געזעלשאַפטליכע טהעטיגקייטען זאָלען ביידע ברענטשעס געהן צוזאַמען. וואָס אַנבעלאַנגט די, וועלכע זיינען אָנגעקלאָגט געוואָרען פאַר שטימען אין די פריימערים פאַר׳ן דעמאָקראַטישען קאַנדידאַט, האָט ער זיי אויפגעפאָדערט נאָכצוקומען דעם בעשלוס, וואָס די נאַצ. גריוועגס קאָמיטע וועט אַרויסגעבען. פריינד דינערשטיין האָט אויסגעדריקט צופריעדענהייט דערמיט וואָס דער נייער ברענטש איז געגרינדעט געוואָרען, ווייל די מיטגליעדער פון ביידע ברענטשעס זיינען צוויי עקסטרימע עלעמענטען.

אין לואיסוויל, קענטאָקי, איז דער ברענטש זעהר שוואַך. זיי מיטען ניט רעגעלמעסיג און האָבען ניט קיין טהוער. די קלאָוקמייקער יוניאָן פערשטאַרקערט זיך דאָרט די לעצטע צייט, און דער ברענטש האָפט צו קריגען נייע מעמבערס פון די קלאָוקמייקערס.

אין סינסינעטי, אָהייאָ, ווערען די מיטינגען שוואַך בעזובט. זיי האָבען ערקלערט, אַז דאָס איז צוליעב דעם וואָס זיי האָבען אויפגעגעבען די אייגענע קלוב־רומס. זיי רופען זיך אָב אויף אַלע ראַדיקאַלע אונטערנעהמונגען און שטיצען די יוניאָנס און די סאָציאַליסטישע פאַרטיי. בר. 179 צאָהלט 2.10 דאָל. אַ וואָך לאָקאַלע קראַנקען בענעפיט. ביים אַלגעמיינעם מיטינג איז געשפּראָכען געוואָרען דער געדאַנק, אַז די נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע דאַרף זעהן טהאָן עטוואָס צוצוציהען די אַמעריקאַנער יוגענד.

ניופּאָרט, קענטאָקי, בעשטעהט פון אונגעפעהר 300 אידישע פאַמיליען. דער אַרבייטער רינג ברענטש האָט דעם שעהנסטען עלעמענט פון שטאָדט. זיי נעהמען אַן אַקטיווען אנטהייל אין יעדע וויכטיגע געזעלשאַפטליכע פראַגע. די רעליעף אַרבייט איז ביי זיי לעצטענס אָבגעשוואַכט געוואָרען און ער האָט זיי אויפגעפאָדערט צו נעהמען זיך ווידער צו דיזער גרויסער פאָלקס אַרבייט.

פר. דינערשטיין בעריכטעט, אַז אין פיעלע ערטער איז איהם אויסגעקומען צו רעדען איבער דער פראַגע וועגען אריינצונעהמען נייע מעמבערס אין קאָנסקריפּט־עלטער. ער האָט זיי ערקלערט, אַז דער אַרבייטער רינג קען ניט בלייבען שטעהן אויף אַן אָרט און מוז בסדר זעהן צו פערגרעסערען די מעמבערשיפּ. ער האָט במעט אין אַלע פלעצער אָנגעדרייטעט ביי די מיטינגען אויף די בענעפיט פראַגען און אויף דער אַלגעמיינער עדיוקיישאָנאַל אַרבייט.

פריינד דינערשטיין דריקט אויס אַ הערצליכען דאַנק צו אַלע פיירנד אין די פערשיעדענע שטעדט, וואָס האָבען איהם געגעבען זעהר אַ וואַרעמע אויפנאַהמע.

דער רעפּאָרט ווערט גוט געהייסען.

## רעפּאָרט פון דער בענעפיט קאָמיטע.

פריינד גאָלדינג, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, בעריכטעט, אַז דעם 16טען נאָוועמבער איז אין „פאָרווערטס" האָלל אָבגעהאַלטען געוואָרען אַ קאָנפערענץ פון סעקרעטערע און האָספּיטעלער פון דאַון טאַון ברענטשעס. עס זיינען געווען פערטראָטען אַרום 200 דעלעגאַטען. די טאַגעס אָרדנונג איז געווען ווי פאָלגט:

1. וועגען דזשענעראַל האָספּיטעלער.
2. וועגען אינוואַלידע מעמבערס.
3. אַ בעסערע קאָנטראָל איבער קראַנקען סערטיפיקייטס.
4. פאַר וואָס די צאָהל וואָכען פון קראַנקען בענעפיט איז גרויס.
5. אורזאַכען פון צוריקגעשיקטע סערטיפיקייטס:
   א. באַראַקטער פון קראַנקהייט.
   ב. איז דער מעמבער פעהיג נאָכצוקומען זיין בעשעפטיגונג.
   ג. קאָמיטע אונטערשריפטען.
   ד. צוויי אונטערשריפטען פון דאָקטאָר די ערשטע וואָך.

ביי דער קאָנפערענץ זיינען אויך געווען פערטראָטען דר. האַלפּערן און דר. קלימענקאָ, פון דער מעדיקאַל אַדווייזערי באָארד, און פר. י. באַסקין. אַזוי־ווי עס איז ניט געווען קיין צייט צו דיסקוטירען אַלע פראַגען פון טאַגעס־אָרדנונג, האָט די קאָנפערענץ בעשלאָסען, אַז עס זאָל אַרויסגעשיקט ווערען אַ צושריפט צו די ברענטשעס, אום די איבריגע פראַגען זאָלען ביי די מיטינגען דעבאַטירט ווערען. דער סענטימענט פון קאָנפערענץ איז געווען, אַז אויב די נאַציאָנאַלע בענעפיט קאָמיטע וועט געפינען פאַר נויטיג, זאָל די פראַגע וועגען דיסטריקט דאָקטוירים נאָך אַ מאָל אַרויסגעשיקט ווערען צו אַ רעפערענדום. די קאָנפערענץ האָט זיך אַרויסגעזאָגט געגען איינפיהרען דזשענעראַל האָספּיטעלער. וואָס אַנבעלאַנגט דער פראַגע וועגען אַ פאָנד פאַר די אינוואַלידע מעמבערס זיינען אַלע דעלעגאַטען געווען דערפאַר, דאָס אַזאַ פאָנד זאָל געשאַפען ווערען.

אַ ביבעלע מיט אינסטראַקשאָנס פאַר האָספּיטעלער איז פערפערטיגט געוואָרען און וועט אין קורצען געדרוקט ווערען. די בענעפיט קאָמיטע גלויבט, אַז דיזער ביכעלע וועט פיעל העלפען רעגולירען די בענעפיטען פון אַרבייטער רינג, ווייל צוליעב דעם וואָס האָספּיטעלער בייטען זיך זעהר אָפט זיינען אַ סך פון זיי ניט גענוי בעקאַנט מיט זייערע אויפגאַבען.

פר. גאָלדינג גיט איבער וועגען אייניגע בענעפיט קייסעס, איבער וועלכע זיי איז אויסגעקומען צו האַנדלען און דער רעפּאָרט ווערט גוט געהייסען.

## רעפּאָרט פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע.

פר. זאַלצמאַן, וויים־טשערמאַן פון דער קאָמיטע, בעריכטעט, אַז זיי האָבען בעשלאָסען צו אַראַנזשירען אַ לעקטשור טור איבער׳ן לאַנד, וואָס זאָל נעהמען אַרום אַכט וואָכען צייט. דער לעקטשורער וועט זיין גענאָסע דר. ש. גורעוויטש, דער פערטרעטער פון צענטראַל פערבאַנד פון „בונד". ווי מען קען אורטהיילען פון די ענטפערס פון אייניגע שטעדט וועט דער לעקטשור טור זיין ערפאָלגרייך.

אַ רעדאַקטאָר פאַר׳ן „פריינד" איז פאָרלויפיג ניט אָנגעשטעלט געוואָרען. דער זשורנאַל ווערט דערווייל אַרויסגעגעבען אונטער דער אויפזיכט פון דער גאַנצער קאָמיטע.

דער אַרבייטער רינג אָרקעסטער איז שוין צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען און זיי וועלען אין אייניגע וואָכען אַרום אָנפאַנגען האָבען זייערע פּראָבען. עס ווערט געפּלאַנעוועט, אַז דער אָרקעסטער זאָל אָרגאַניזירט ווערען אַלס אַ ברענטש, ווי דאָס איז די „פרייע אידישע פאָלקס־ביהנע", בר. 555.

זיי האָבען בעשלאָסען אַראַנזשירען אַ רייהע לעקטשורס אין פערשיעדענע טהיילען פון ניו יאָרק. די לעקטשורס וועלען זיך אָנפאַנגען אין מאָנאַט יאַנואַר.

די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע רעכנט צו גרינדען אַ מאָדעל

קינדער־שוהלע אין ניו יאָרק אום צו לייגען אַ פונדאַמענט פאַר די גרינדונג פון שוהלען איבער'ן גאַנצען לאַנד.

אַ גרויסער קאָנצערט מיט אַ רייכען מוזיקאַלישען און ליטעראַרישען פּראָגראַם איז געגעבען געוואָרען שבת אָבענד, דעם 17טען נאָוועמבער אין פּאָבליק סקוהל 62, ניו יאָרק. דער קאָנצערט איז אַראַנזשירט געוואָרען פון אַרבייטער רינג באַר, אונטער דער אויפזיכט פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע. עס ווערט געפּלאַנעוועט צו אַראַנזשירען אַ סעריע פון עהנליכע קאָנצערטען אין פערשיעדענע טהיילען פון שטאָדט.

נאָך דעם ווי עס ווערען געשטעלט אייניגע פראַגען ווערט דער רעפּאָרט גוט געהייסען.

## קאָמיטעס.

פריינד מ. אשפּיז, ניי־ערוועהלטער דירעקטאָר פון ניו יאָרק סטייט, בעט צו ענדערען דעם דייט פון ערשטען צוזאַמענפאָהר פון דער נייישאָנאַל באָארד אָוו דירעקטאָרען פון מערץ אויף יאַנואַר, ווייל פאַר איהם אַזוי גוט ווי פאַר אייניגע אַנדערע מעמבערס פון דער נייישאָנאַל באָארד וועט אין מאָנאַט מערץ זיין אוממעגליך צו אַטענדען די זיצונגען.

עס ווערט בעשטימט צו רעקאָנסידערען דעם בעשלוס פון לעצטען מאָנאַטליכען מיטינג און עס ווערט בעשלאָסען צו רופען דעם צוזאַמענפאָהר פון דער נייישאָנאַל באָארד אָוו דירעקטאָרען אויף דעם 29טען, 30טען און 31טען דעצעמבער.

---

פון נוארק דיסטריקט אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע פערלאַנגען צו שיקען אַ פערטרעטער צו זייער יום טוב וואָס וועט געפייערט ווערען דעם 30טען דעצעמבער.

די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע ערקלערט, אַז זיי האָבען געהאַט אַ צושריפט פון דער נוארק דיסטריקט קאָמיטע און וועלען האַנדלען וועגען דעם.

---

פון פיפּעלס רעליעף קאָמיטע — פריינד דר. ראָזענבלאַט אַלס פערטרעטער זאָגט, אַז דער אַר. רינג האָט געקראָגען אַ נאָמען דורך די פריינדליכע שטיצע פאַר די מלחמה קרבנות; אַז עס איז ווירקליך שעהן וואָס די סאַניטאַריום פייערונג וועט פערוואַנדעלט ווערען אין אַ רעליעף טאָג. אָבער עפּעס דאַרף געטהאָן ווערען די רעליעף אַרבייט אויפצולעבען צווישען די ברענטשעס. ער גלויבט, אַז דער אַרבייטער רינג דאַרף זיך פערפליכטען צו שאַפען 25 טויזענד דאָלאַר פאַר'ן רעליעף פאָנד און דאָס קען געשאַפען ווערען.

עס ווערט איינשטימיג בעשלאָסען צו זעהן אָנפיהרען אַ קאַמפּיין צו שאַפען 25 טויזענד דאָלאַר פאַר די אידישע מלחמה קרבנות.

## רעפּאָרט פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע.

פריינד גוסקין, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, בעריכטעט, אַז עס איז בעשלאָסען געוואָרען צו קויפען אַ „בייקינג מאשין" וואָס ווערט געברויכט צו קורירען רוהמאַטיזם, ווי אויך אַ „ניוראָמעטראָקס", אַן אַפּאַראַט וואָס ווערט געברויכט אין פעלע פון בלוט־שטורצען.

די קאָמיטע האָט בעשטימט צו דרוקען אַ ספּעציעלען ביכעלע וועגען סאַניטאַריום. זיי בעטען, אַז די אויסגאַבען דערפיר זאָלען געהן פון אַדמיניסטריישאָן פאָנד, ווייל דאָס ביכעלע וועט דיענען פאַר אַלגעמיינע פּראָפּאַגאַנדאַ.

פר. גוסקין ערקלערט, אַז די לעצטע צייט איז דאָ דורכשניטליך עטליכע־אַכציג פּאַציענטען אין סאַניטאַריום און עס איז פּשוט ניטאָ גענוג פּלאַץ זאָגאַר פאַר רעגולער פּאַציענטען. אַ חוץ דעם איז אָנגענומען געוואָרען אַ רעפערענדום אַריינצונעהמען פרויען פון מעמבערס אַלס בעצאָהלטע פּאַציענטען. אייניגע אַזעלכע אַפּליקיישאָנס זיינען דאָ אויפ'ן פייל און אויס מאַנגעל אין פּלאַץ קען מען די אַפּליקאַנטען ניט אַריינגעהמען. זיי זאָגען דאַרום, אַז עס וועט נויטיג זיין צו בויען אַ נייע לענטו".

לעצטען מאָנאַט האָט מען אָנגעפאַנגען געבען מואווינג פּיקטשורס אין סאַניטאַריום פאַר די פּאַציענטען. עס ווערען געצייגט די נייעסטע מואווינג פּיקטשורס און די פּאַציענטען זיינען העכסט צופריעדען מיט דער פערוואַלטונג.

פון טשיקען פאַרם קומט יעצט אַריין אַביסעל מעהר אייער ווי פריהער.

די קאָמיטע האָט בעשלאָסען צו אָרדערען נייע בילדער פון סאַניטאַריום, וואָס זאָלען געבען אַ בעגריף וועגען דעם אינערליכען לעבען פון סאַניטאַריום.

דער רעפּאָרט ווערט גוט געהייסען.

## רעפּאָרט פון דער אָפּיס קאָמיטע.

פר. איוועגסקי, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, בעריכטעט, אַז בר. 608 האָט פערלאַנגט, דאָס מען זאָל זיי דיזען יאָהר בעפרייען פון קאָנווענשאָן אַסעסמענט ווייל זייער ברענטש איז געגרינדעט געוואָרען דעם 13טען מערץ 1917 און צו סיין רעלעגאַט צום קאָנווענשאָן זיינען זיי ניט בערעכטיגט געוועזען. עס איז בעשלאָסען געוואָרען זייער פערלאַנג ניט צו בעוויליגען, ווייל יעדער ברענטש איז פערפליכטעט צו דעקען זיין פּראָפּאָרציאָנעלע טהייל פון די דעפיציטען פון אַלע פאָנדס.

אַ געוויסער ברענטש האָט געבעטען אַרונטערצונעהמען די באָנדס פון זייערע בעאַמטע, ווייל דער ברענטש האָט ניט קיין געלד אין די בענק און די באָנדס זיינען פאַר זיי אַ ניט נויטיגע אויסגאַבע. עס איז בעשטימט געוואָרען זייער פערלאַנג צוריק צו ווייזען אויף דעם גרונד וואָס דער אָפּיס דאַרף זאָרגען פאַר די פעראַנטוואָרטליכקייט פון די בעאַמטע פון אַלע ברענטשעס.

אויף די רעקאָמענדיישאָן פון סעקרעטער איז בעשלאָסען געוואָרען איינצופיהרען אַ „לוס ליעף לעדזשער" פאַר די מעמבערס עט לאַרדזש — איין לעדזשער פאַר די גוטשטעהענדע מעמבערס און אַ צווייטער פאַר די געשטראָכענע.

די פראַגע וועגען די געדרעפּטעטע מעמבערס איז איבערגעגעבען געוואָרען צו אַ סאָב־קאָמיטע צוזאַמען מיט'ן סעקרעטער און די סאָב־קאָמיטע וועט וועגען דעם בעזונדער רעפּאָרטען.

עס איז בעשלאָסען געוואָרען צו קויפען באָנדס פאַר 35 טויזענד דאָלאַר, ווייל דער מאַרקעט פּרייז פון באָנדס איז יעצט אַ גינסטיגער.

דער רעפּאָרט ווערט גוט געהייסען.

## רעפּאָרט פון דער גריוועגס קאָמיטע.

פר. וויינבלאַט, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, בעריכטעט, אַז אַ געוויסער מעמבער פון ניו דזשוירסי סטייט האָט אַפּעלירט געגען בעשלוס פון ברענטש צו בעשטראָפען איהם מיט 98 דאָל. פאַר ניט נאָכקומען דעם פערלאַנג פון דער יוניאָן און פון ברענטש אַרונטערצוגעהן אין סטרייק. דער בעטרעפענדער איז אַן אינספּעקטאָר אין דער סטאַנדאַרד וואַטש קאָמפּ. דאָרט אַרבייטען אַרום 1100 פּערזאָן און אין סטרייק זיינען אַרונטער אַרום 200 אַרבייטער. דער בעטרעפענדער האָט ערקלערט, אַז ער איז געבליבען אַרבייטען, ווייל אַלס אינספּעקטאָר האָט ער געגלויבט, אַז ער דאַרף ניט אַרונטער פון שאַפּ. די קאָמיטע פון ברענטש האָט אָנגעדייטעט, אַז דער בעטרעפענדער האָט זיך ענטזאָגט אַרונטערצוגעהן אין סטרייק זאָגאַר נאָך דעם ווי מען האָט איהם אויפגעפאָדערט דאָס צו טהאָן; אַז דאַדורך וואָס ער האָט אינספּעקטעט די וואַטשעס און אָנגעצייגט די פעהלערען, האָבען אונערפאַהרענע אויך געקענט אַרבייטען. דער אַפּעלאַנט האָט זיך אויך געשטיצט דאַרויף, וואָס קיינער פון די אינספּעקטאָרס איז ניט אַרונטער אין סטרייק. — די גריוועגס קאָמיטע האָט בעשלאָסען, אַז אויב דער ברענטש וועט אין פערלויף פון 30 טעג ניט קענען בעווייזען, דאָס אַנדערע אינספּעקטאָרס פון דער זעלבער פעקטאָרי זיינען יאָ אַרונטער אין סטרייק, זאָל די שטראָף פון דעם בעטרעפענדען אַרונטערגענומען ווערען.

אין אַ ניו יאָרקער ברענטש איז פאָרגעקומען אַ סכסוך וועגען זייער פריהעריגען סעקרעטער און טרעזשורער און דאָס האָט אַרויסגערופען פיעלע מיספערשטענדניסע. די פראַגע וועגען דעם סכסוך איז אין פערלויף פון די לעצטע צוויי יאָהר אַלע מאָל אויפגעהויבען געוואָרען ביי די מיטינגען פון ברענטש. די גריוועגס קאָמיטע האָט געשיקט צוויי פערטרעטער צום ברענטש

און עס איז געלונגען צו שליכטען די זאך אויפ'ן בעסטען אופן. צווישען די מעמבערס פון ברענטש בלייבען די פריינדליכע געפיהלען, ווי פריהער. דער ברענטש האט בעדאנקט די גריוועגס קאמיטע פאר שליכטען דעם סכסוך.

בר. 525 האט אנגעפרעגט צו די וואהלען פאר בעאמטע זיינען געזעצליך, אויב די פאסטעל־קארדס וואס זיינען געשיקט געווארען פאר'ן ספעשעל מיטינג האבען זיך געלעזען, אז עס וועלען זיין בלויז נאמינייטשאנס. עס איז בעשלאסען געווארען זיי ענטפערען, אז אויב אימיץ אבדזשעקטעט געגען דיזע וואהלען, דארפען געמאכט ווערען נייע וואהלען פאר בעאמטע. דער מיטינג דארף גערופען ווערען פיר דעם צוועק פון נאמינייטשאן און וואהל פאר בעאמטע.

דער רעפארט ווערט גוט געהייסען.

---

עס ווערט בעשלאסען צו רופען די נאמינייטשאן קאנפערענץ פאר דעלעגאטען צום קאנווענשאן, זונטאג דעם 17טען פעברואר.

---

**א פארטזעצונג פון דעם מיטינג פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו קאמיטע ווערט אבגעהאלטען מיטוואך אבענד, דעם 19טען דעצעמבער, מיט פריינד אב. עפשטיין אלס טשערמאן.**

---

פריינד פריימאן בעריכטעט, אז פריינד ל. ראטהמאן און ער האבען איבערגעצעהלט די רעפערענדום באלאטס וועגען פראטוירנאל רייטס. דער רעזולטאט איז פאלגענדער:

עס זיינען אבגעגעבען געווארען 18,253 שטימען. פון דיזע זיינען 13,191 געווען פאר פראטוירנאל רייטס און 5,062 געגען. אין דער אבשטימונג האבען זיך בעטייליגט 496 ברענטשעס און 290 מעמבערס עט לארדזש. פון די 290 מעמבערס עט לארדזש האבען 289 געשטימט פאר פראטוירנאל רייטס און בלויז איינער געגען.

דריי באלאטס פון מעמבערס עט לארדזש זיינען ניט געצעהלט געווארען, ווייל די אונטערשריפטען זיינען ניט געווען בעשטעטיגט פון א נאטארי פאבליק, ווי דער רעפערענדום האט געפאדערט. די באלאטס פון בר. 292, 336, 475, 482 זיינען אריינגעקומען אין אפיס נאך דעם ווי דער רעפערענדום איז געווען געשלאסען און זיי זיינען דארום ניט געצעהלט געווארען.

פון סעקרעטער פון בר. 485, דעטראיט, איז אריינגעקומען א קלאגע, דאס דער רעפערענדום וועגען פראטוירנאל רייטס איז ניט געזעצליך געצעהלט געווארען. זיי האבען די קלאגע איבערגעגעבען צו דער נאצ. גריוועגס קאמיטע.

דער רעפארט ווערט גוטגעהייסען.

---

דער טשערמאן, פר. אב. עפשטיין, בעריכטעט, אז אזוי שנעל ווי דער רעפערענדום איז איבערגעצעהלט געווארען האט ער צוזאמען מיט דעם סעקרעטער און די צעהלער קאמיטע געלאזט וויסען די רעזולטאטען דורך דער פרעסע.

---

צושריפטען.

פון נייטשוראליזיישאן אייד ליגע — לאדען איין פערטרעטער צו זייער קאנפערענץ וואס וועט אבגעהאלטען ווערען זונטאג, דעם 23טען דעצעמבער.

דער טשערמאן ערקלערט, אז די עדיוקיישאנאל קאמיטע האט שוין ערוועהלט צוויי דעלעגאטען — פריינדע זאלצמאן און צוקער.

פריינד פריימאן ווערט ערוועהלט צו פערטרעטען ביי דער קאנפערענץ די נאציאנאלע עקזעקוטיווע.

* * *

פון די פעראייניגטע אידישע געווערקשאפטען — לאדען איין פערטרעטער צו זייער באנקעט וואס ווערט אראנזשירט צו פייערען זייער 30 יעהריגען יובילעאום.

ערוועהלט פריינדע באסקין, גערשאנאף און זאלצמאן.

בעגריסונגס טעלעגראמען מיט דעם זיעג פון פראטוירנאל רייטס ווערען פארגעלעזען פון גענאסע מאיר לאנדאן, לייבאר ליעג באארד און דירעקטארס, בר. 184 הארטפארד, בר. 3 לייבאר ליעג, אויך א בריעף פון פר. ווס. באקסט פון באסטאן.

---

סעקרעטער'ס רעפארט.

פריינד י. באסקין, דזשענעראל סעקרעטער, בעריכטעט, אז אבוואהל דער צופלוס פון נייע מעמבערס איז געווען א שוואכער לעצטען קווארטאל איז די צאהל פון געשטראכענע געווען קלענער ווי אין לעצטען קווארטאל.

די צאהל פון טויטען־פעלע איז דיזען יאהר געווען כמעט דיזעלבע ווי לעצטען יאהר. אזוי־ווי די מעמבערשיפ איז אין פערלויף פון דעם יאהר פערגרעסערט געווארען, הייסט עס, אז די צאהל פון טויטען פעלע איז פראפארציאנעל פערקלענערט געווארען.

ער זאגט, אז ביי ענדע פון דיזען יאהר וועלען די פערשיעדענע פאנדס האבען קלענערע דעפיציטען ווי לעצטען יאהר, ניט קוקענדיג דערויף וואס די אלגעמיינע סומע פון אויסגעצאהלטע בענעפיטס איז פערגרעסערט געווארען.

דעם 1טען דעצעמבער איז דער צושטאנד פון די פאנדס געווען ווי פאלגט:

דער ארגאניזאציאנס פאנד האט געהאט א סורפלאס פון $225.00.

דער ארמיניסטריישאן פאנד האט געהאט א סורפלאס פון $8150.00.

דער „פריינד“ פאנד — א סורפלאס פון $2100.00.

די עדיוקיישאנאל קאמיטע — א דעפיציט פון $668.00.

דער נעט סורפלאס פון די סאניטאריום פאנדס איז $1500.00.

ער גלויבט, אז צוליעב דער גרויסער צאהל פאציענטען וואס געפינט זיך די לעצטע צייט אין סאניטאריום און צוליעב דעם יקרות קען מען ערווארטען, אז דער סאניטאריום פאנד זאל פריהער אדער שפעטער האבען א דעפיציט. ער דענקט, אז עס וואלט געווען ראטהזאם צו רעקאמענדירען צום קאנווענשאן, אז פאר יעדען פאציענט זאל פון קאנסאמפשאן פאנד געצאהלט ווערען צום סאניטאריום אויפהאלטונגס פאנד $150 אנשטאט $100, ווייל דער קאנסאמפשאן פאנד האט א גרויסען סורפלאס און איז מעהר ווי זיכער.

פר. באסקין ערקלערט, אז דער אפיס וועט האבען א גרויסע שוועריגקייטען איינצופיהרען באלד די סיסטעם פון פראטוירנאל רייטס. דאך, אויב דאס וועט זיין דער פערלאנג פון דער עקזעקוטיווע, וועט מען מיט געוויסע אנשטרענגונג אלעס קענען איינפיהרען אין יאנואר. עס זיינען פארלויפיג אנגעשטעלט געווארען איניגע קלוירקס צו מאכען די פארבערייטונגס ארבייט.

די עקזעקוטיוו דארף דארום בעשטימען, ווען די פראטוירנאל רייטס זאלען אריין אין קראפט.

וועגען די מעמבערס פון בר. 1, 2, 3 דארף בעשלאסען ווערען: 1) אז מען וועט זיי רעכנען לויט די יאהרען וואס זיי זיינען אריינגעקומען אין די ארגאניזאציאנען איידער דער א. ר. איז געטשארטערט געווען. 2) וואס עס זאל אנגענומען ווערען אלס בעשטעטיגונג פון זייערע יאהרען.

---

עס ווערט בעשלאסען איינצופיהרען די פראטוירנאל רייטס פון יאנואר, 1918.

עס ווערט בעשלאסען צו רעכנען די מעמבערס פון ברענטשעס 1, 2, 3, לויט די יאהרען וואס זיי זיינען אריין אין די ארגאניזאציאנען, ווען די לעצטע זיינען נאך געווען סאסייעטיס. אפיציעלע צושריפטען פון דיזע ברענטשעס מיט א בעשטעטיגונג פון א נאטארי פאבליק זאלען זיין גענוגענד צו ענדערען די יאהרען פון זייערע עלטערע מעמבערס, די גרינדער פון זייערע ארגאניזאציאנען.

* * *

פר'. באסקין הויבט אויך אויף די פראגע ווי צו רעכנען געשטראכענע אדער רעזיגנירטע מיטגליעדער, וואס האבען זיך אין א צייט ארום ווידער אנגעשלאסען אלס נייע מעמבערס — צו

לויט די יאָהרען וואס זיי זיינען דאָס צווייטע מאָל אריינגעקומען אָדער לויט די יאָהרען, ווען זיי זיינען דאָס ערשטע מאָל געווארען מיטגליעדער פון ארבייטער רינג.

עס ווערט בעשלאָסען, אז אלע מיטגליעדער, וואס האָבען אמאָל רעזיגנירט אָדער זיינען געשטראבען געווארען, זאל מען רעכנען לויט די יאָהרען וואס זיי זיינען דאָס ערשטע מאָל אריין אין ארבייטער רינג.

דער רעפּאָרט פון סעקרעטער ווערט דאן גוטגעהייסען.

## וועגען געדרעפּטעטע מעמבערס.

פריינד דייווידאָף בעריכטעט, אז פר. פריימאן און ער, אלס סאָב־קאָמיטע פון דער אָפּיס קאָמיטע, האָבען דורכגעקוקט די ענטפערס פון די ברענטשעס אין בעצוג די געדרעפּטעטע מיט־גליעדער. קיין גענויעס רעפּאָרט וועגען די צאָהל געדרעפּטעטע האָבען די ברענטשעס אָבער ניט אָנגעגעבען. ווי עס זעהט אויס זיינען די געדרעפּטעטע מיטגליעדער געווען אזוי צוטומעלט, אז זיי האָבען זאָגאר פערגעסען מיטצוטהיילען וועגען דעם זייערע ברענטשעס.

בלויז 256 ברענטשעס האָבען געענטפערט אויף אונזער צו־שריפט וועגען די געדרעפּטעטע. לויט דיזע ענטפערס זיינען גע־ווען 436 געדרעפּטעטע און עס איז ערווארטעט געווארען, אז אונגעפעהר 2780 וועלען נאָך געדרעפּטעט ווערען. אויב מען זאָל די ציפער נעהמען אלס א באזיס און רעכנען, אז אין צוויי־טען דרעפט וועט די פּראָפּאָרציע פון די געדרעפּטעטע זיין די־זעלבע, וועט דער ארבייטער רינג האָבען ארום 5־6 טויזענד גע־דרעפּטעטע מיטגליעדער.

זיי רעקאָמענדירען דארום צו שאפען אן אלגעמיינעם פאָנד צו שטיצען די געדרעפּטעטע, אָבער דאָס זאָל ניט זיין קיין ספּע־ציעלער פאָנד צו דעקען זייער דיוס.

נאָך א קורצער דעבאטע ווערט בעשלאָסען ארויסצושיקען א רעפערענדום וועגען א טעקס פון 10 אָדער 15 סענט צו שאַ־פען א פאָנד צו דעקען די דיוס פון די געדרעפּטעטע מעמבערס וואס זיינען אריין אין ארבייטער רינג ביז דעם 1טען יאנואר 1918. דיזער פאָנד זאָל אויך זיין פאר אלגעמיינע שטיצע פון די געדרעפּטעטע.

עס ווערט פערשטאַנען, אז דער רעפערענדום זאָל אויך ענט־האלטען א פּונקט געגען שאפען א פאָנד פאר רעקען די דיוס פון די געדרעפּטעטע.

פ. געליעבטער, רעק. סעק.

---

### וואָלונטארי קאָנטריביושאָנס פיר סעפּטעמבער, 1917.

פיר מלחמה קרבנות.

בר. 105 — — — 1.00
בר. 216 — — — 2.00
בר. 242 — — — 10.50
בר. 259 — — — 10.00
בר. 317 — — — 5.00
בר. 421 — — — 25.00
ס. פּישמאן — — — 5.02

$58.52

פיר בערקמאַנ'ס דעפענס פאָנד.

בר. 46 — — — — 45.00
בר. 165 — — — — 5.00
בר. 184 — — — — 40.00
בר. 216 — — — — 5.00
בר. 245 — — — — 3.00
בר. 317 — — — — 2.00
בר. 569 — — — — 3.00

$103.00

פיר וואָרקמענ'ס קאונסיל.

בר. 126 — — — — 1.00
בר. 189 — — — — 2.00
בר. 245 — — — — 1.00
בר. 311 — — — — 1.00
בר. 317 — — — — 3.00
בר. 352 — — — — 5.00
בר. 353 — — — — 3.00
בר. 383 — — — — 1.00
בר. 481 — — — — 1.00
בר. 489 — — — — 5.50
בר. 501 — — — — 3.00
בר. 565 — — — — 3.00
בר. 588 — — — — 1.00

$30.50

פיר לאָס אנדזשעלעס סאנאַ־טאריום.

בר. 14 — — — — $2.00

פיר סאן פראנציסקאָ דעפענס פאָנד.

בר. 14 — — — — $2.00

### וואלונטערי קאָנטריביושאָנס פיר אָקטאָבער, 1917.

פיר מלחמה קרבנות.

בר. 170 — — — — $5.00
בר. 348 — — — — 15.00
בר. 565 — — — — 14.34
בר. 594 — — — — 10.00
פּעטערסאָן סעמעטערי אסס'ן — — — — 5.50

$49.84

פאר בערקמאַנ'ס דעפענס.

בר. 92 — — — — 2.00
בר. 163 — — — — 6.00
בר. 263 — — — — 2.00
בר. 443 — — — — 10.00

$20.00

פיר פּיפּעל'ס קאונסיל.

בר. 170 — — — — $3.00

פיר וואָרקמענ'ס קאונסיל.

בר. 53 — — — — 1.00
בר. 142 — — — — 2.00
בר. 263 — — — — 1.00
בר. 532 — — — — .50

$4.50

סיר לאָס אנדזשעלעס סאנאַ־טאַריום.

בר. 283 — — — — $5.00

פיר שיקאַגאָ סיגאר מייקערס.

בר. 2 — — — — 3.00
בר. 6 — — — — 2.00
בר. 7 — — — — 1.00
בר. 10 — — — — 2.00
בר. 13 — — — — 2.00
בר. 16 — — — — 1.00
בר. 18 — — — — 2.00
בר. 19 — — — — 3.00
בר. 20 — — — — 2.00
בר. 21 — — — — 2.25
בר. 24 — — — — 1.00
בר. 27 — — — — 2.00
בר. 29 — — — — 2.00
בר. 30 — — — — 1.00
בר. 35 — — — — 1.00
בר. 39 — — — — 2.00
בר. 40 — — — — 1.00
בר. 42 — — — — 2.00
בר. 45 — — — — 1.00
בר. 46 — — — — 5.00
בר, 53 — — — — 1.00
בר. 54 — — — — 3.00
בר. 58 — — — — 3.00
בר. 62 — — — — 1.00
בר. 63 — — — — .50
בר. 64 — — — — 2.00
בר. 65 — — — — 1.00
בר. 69 — — — — 1.00
בר. 70 — — — — 2.00
בר. 79 — — — — 5.00
בר. 84 — — — — 1.00
בר. 87 — — — — 1.00
בר. 90 — — — — 3.00
בר. 92 — — — — 2.00
בר. 94 — — — — 1.00
בר. 105 — — — — 1.00
בר. 110 — — — — 1.00
בר. 116 — — — — 2.00
בר. 118 — — — — 1.00
בר. 133 — — — — 2.00
בר. 145 — — — — 1.00
בר. 154 — — — — .50
בר. 155 — — — — 2.00
בר. 157 — — — — 2.00
בר. 165 — — — — 1.00
בר. 167 — — — — 2.00
בר. 174 — — — — 1.00
בר. 179 — — — — 2.00
בר. 186 — — — — 1.00
בר. 193 — — — — 1.00
בר. 195 — — — — 1.00
בר. 201 — — — — 2.00
בר. 202 — — — — 2.00
בר. 210 — — — — 1.00
בר. 214 — — — — 2.00
בר. 215 — — — — 3.00
בר. 220 — — — — 2.00
בר. 225 — — — — 2.00
בר. 232 — — — — 3.00
בר. 245 — — — — 2.00
בר. 251 — — — — 1.00
בר. 259 — — — — 1.00
בר. 268 — — — — 1.00
בר. 271 — — — — 1.00
בר. 283 — — — — 2.00
בר. 292 — — — — 1.00
בר. 295 — — — — 1.00
בר. 312 — — — — 1.00
בר. 313 — — — — 1.00
בר. 316 — — — — 1.00
בר. 336 — — — — 1.00
בר. 339 — — — — 1.00
בר. 342 — — — — 1.00
בר. 349 — — — — 1.00
בר. 352 — — — — 2.00
בר. 362 — — — — 1.00
בר. 363 — — — — .50
בר. 372 — — — — 1.00
בר. 376 — — — — 2.00
בר. 383 — — — — 1.00
בר. 384 — — — — 2.00
בר. 392 — — — — 1.00
בר. 423 — — — — 1.00
בר. 433 — — — — 1.00
בר. 437 — — — — 1.00
בר. 438 — — — — 1.00
בר. 442 — — — — 1.00
בר. 446 — — — — 2.00
בר. 452 — — — — 1.00
בר. 457 — — — — 1.00
בר. 459 — — — — 2.00
בר. 469 — — — — .50
בר. 488 — — — — 1.00
בר. 505 — — — — 1.00
בר. 521 — — — — 1.00

בר. 524 — — — — 1.00
בר. 532 — — — — .50
בר. 534 — — — — .50
בר. 554 — — — — .50
בר. 565 — — — — 1.00
בר. 580 — — — — 1.00
בר. 599 — — — — 2.00
בר. 596 — — — — 1.00
בר. 570 — — — — 1.00
בר. 605 — — — — 2.00

$156.75

### וואלונטארי קאָנטריביושאָנס פאר נאָוועמבער 1917.

### פאר מלחמה קרבנות.

בר. 161 — — — $88.75
בר. 242 — — — — 8.75
בר. 263 — — — — 3.00
בר. 367 — — — — 25.00
בר. 395 — — — — 41.50
בר. 415 — — — — 53.85

$220.85

### פיר בערקמאַן'ס דעפענס פאָנד.

בר. 16 — — — — .100
בר. 174 — — — — 6.50
בר. 353 — — — — 10.00
יאנג ווימענס לייברערי קלוב, דולוטה, מינ. 5.00

$22.50

### פיר סאן פראנציסקא דעפענס פאָנד.

בר. 251 — — — — $3.80

### פיר'ן „בונד“.

בר. 251 — — — — $3.80

### פיר שיקאגאָ סיגאר מייקערס.

בר. 14 — — — — 2.00
בר. 23 — — — — 2.00
בר. 114 — — — — 1.00
בר. 117 — — — — 1.00
בר. 120 — — — — 3.00
בר. 121 — — — — 2.00
בר. 136 — — — — 1.00
בר. 137 — — — — 40.10
בר. 180 — — — — 1.00
בר. 216 — — — — 2.00
בר. 228 — — — — 2.00
בר. 234 — — — — 1.00
בר. 264 — — — — 1.00
בר. 284 — — — — 1.00
בר. 303 — — — — 1.00
בר. 311 — — — — 2.25
בר. 318 — — — — .50
בר. 320 — — — — 2.00
בר. 328 — — — — 2.00
בר. 382 — — — — 1.00
בר. 390 — — — — 1.00
בר. 395 — — — — 19.00
בר. 397 — — — — 2.00
בר. 414 — — — — 2.00
בר. 430 — — — — .100
בר. 441 — — — — 7.16
בר. 470 — — — — 2.00
בר. 489 — — — — .50
בר. 495 — — — — 3.00
בר. 510 — — — — .50

$107.01

## רעפּאָרט פון דער נ. י. סיטי אָרג. קאָמיטע.

דער ערשטער פערטעל יעהרליכער רעפּאָרט פון דער נ. י. סיטי אָרג. קאָמיטע וואלט אין אן אנדער יאָהר, אונטער געוועהנליכע אומשטענדען, אונז זעהר ווייניג קרעדיט געגעבען, אָבער אז מען נעהמט אין אנבעטראכט די אויסערגעוועהנליכע אומשטענדען וואָס מיר לעבען דורך דיזען יאָהר זעהט מען אז דאָס ביסעל ארבייט וואס מיר האָבען געטהאָן אין בעצוג צו אָרגאניזאציאָן טהעטיגקייט מוז לויט דער יעצטיגער צייט אויך גערעכענט ווערען פאר גוט.

מיר האָבען זיך אינסטאָלירט דעם 10טען סעפּטעמבער מיט 25 מעמבערס. ווי געוועהנליך, נעהמט אביסעל צייט ביז די ארבייט שטעלט זיך ריכטיג איין. מאנכע זיינען נישט געוואָהנט צו אטענדען רעגולער די מיטינגען. מאנכע קומען גאָר נישט מעהר צו די מיטינגען, ווי דער פאל מיט פר. ארנסאָן פון בר. 1, וועלכער איז באלד צום צווייטען מיטינג נישט געקומען. פר. מ. קראנץ, פון בר. 386 און פר. סוד, פון בר. 5, וועלכע זיינען אויסגעשלאָסען געווארען פאר נישט קומען צו די מיטינגען. פר. ב. לעוויטאן פון בר. [illegible], וועלכער האט רעזיגנירט. אויף זייערע פלעצער האָבען מיר ערוועהלט פר. בעצאהלער פון בר. 42, פר. קאסאוויטץ, פון בר. 136, פר. עבעריל, פון בר. 346. דאצו צורעכענדיג די פראטוידנאל רייטס וועלכער האָט פערנומען פיעל צייט ביי די ברענטשעס און אויך צורעכנענדיג דעם סאָציאליסטישען קאמפּיין, וואָס מיר דענקען דאָס עס קומט אונזער קאָמיטע א גוטען טהייל קרעדיט פאר דעם זיעג, דען מיר קענען מיט זיכערהייט זאָגען, דאָס די 10 ערוועהלטע אסעמבלי לייט און די 7 אָלדערמען איז א טהייל פון אונזער ארבייט.

אונזערע קאָמיטעס האָבען דירעקט געארבייט פיר דעם ערפאָלג מיט אפּיעלס פאר געלד פיר דעם קאמפּיין ביי די ברענטשעס פון א. ר. און כמעט אין יעדען ברענטש איז דורך אונזער אויפפאָדערונג בעוויליגט געווארען געלד פור דעם ס. פּ. קאמפּיין. טראָץ די אַלע שטערונגען האָבען מיר בעזוכט 215 ברענטשעס, מאנכע צו איין מאָהל און מאנכע צו צוויי און דריי מאָהל. מיר האָבען זיך אָנגעשטויסען אין מעהרערע ברענטשעס וואס זיינען געווען אין גאנצען אָהן לעבען. מיר האָבען זיי בעזוכט מעהרערע מאָהל און האָבען געטרייעט זיי אויפצומונטערען, וואס עס איז אונז אויך אין מעהרערע ברענטשעס געלונגען. עס איז זיך ווערטה אָבצושטעלען ביי דעם ליידיס בר. 164. דער ברענטש איז געווען כמעט טויט. נאָך דעם ווי מיר האָבען געשיקט קאָמיטעס אייניגע מאָהל איז אונז געלונגען דעם ברענטש לעבעדיג צו מאכען. זיי האָבען שוין בערופען א מאסס מיטינג און טרייען אריינצונעהמען נייע מעמבערס. זיי גיבען זיך יעצט אב מיט אגיטירען צווישען די פרויען, זיי אָנצוצייגען ווי נויטיג עס איז פיר דער פרוי צו בעלאנגען צום א. ר. קורץ, מיר האָבען געטרייעט אונזער בעסט און מעהרערע ברענטשעס האָבען מיר געבראכט אין א גוטען צושטאנד. מאנכע האָבען מיר געטרייעט פעראייניגען מיט נאָך ברענטשעס. וואס אנבעטרעפט אין אריינגעהמען נייע מעמבערס האָבען מיר ווייניג וואס אויפגעטהאָן. נור נעהמענדיג אין אנבעטראכט די יעצטיגע אומשטענדען, רעכנען מיר דאָס מיר האָבען געטהאָן אונזער בעסט. איבערהויפּט האָבען מיר זיך אָבגעשטעלט אויף דער שטרייך מגפה. מיר האָבען אפּעלירט צו די ברענטשעס. מיר האָבען געזעהן דאָס זיי זאָלען ערוועהלען קאָמיטעס צו די געשטראָכענע מעמבערס, אויסגעפינען די אורזאכען ווארום זיי לאָזען זיך שטרייכען און טרייען זיי צו רעאינסטייטען.

מיר האָבען יעצט איינגעפיהרט צו בעזוכען יעדען ברענטש וואס וועט שטרייכען מעמבערס זאָ שנעל ווי די שטרייך ליסטע קומט אריין אין אפיס און גלייך שיקען קאָמיטעס צו די געשטראָכענע און ווען נויטיג זיך אליין צו זעהן מיט זיי און ווידקען זיי זאָלען זיך רעאינסטייטען. מיר האָפען דאָס מיר וועלען קענען אויף אזא אָנפן געווינען א סך מעמבערס. מיר האָבען אויך בעזוכט פיעלע סאסייטיס. מיר האָבען יעצט בעשלאָסען צו בעזוכען אלע יונג ס. פּ. קלאָבס און יוניאנס, אויך אלע ראדיקאלע סאסייטיס און טרייען זיי אריינצונעהמען אין ארב. רינג. מיר האָבען אינסטאָלירט א ברענטש אין קוני איילענד און נאָך אייניגע סאסייטיס האלטען זיך אין אינסטאָלירען.

ווי איהר זעהט, פריינדע, האָבען מיר געטרייעט אונזער בעסט. מיר האָבען געשפּענדט צייט און ענערגיע און מיר האָפען דאָס אונזער ארבייט וועט ברענגען גוטע רעזולטאטען פאר דעם ארב. רינג.

מיט פריינדליכען גרוס,

נ. י. סיטי אָרג. קאָמיטע, א. ר.

א. לאנגער, סעק.

## ארבייטער־רינג ליטעראריש־מוזיקאלישע ביוראָ.

אום ארויסצוהעלפען אונזערע ברענטשעס פון און אויסער ניו יאָרק אין דער אָרגאניזירונג פון זייערע אונטערנעהמונגען, איז אונטער דער אויפזיכט פון דער נאצ. עדיוקיישאָנאל קאָמיטע אָרגאניזירט געוואָרען א ליטעראריש־מוזיקאלישע ביוראָ, וועמעס אויפגאבע עס איז צו צושטעלען צו די ברענטשעס מוזיקאלישע קרעפטע, ווי זינגער, וויאָלין סאָלאָס, טשעלאָ סאָלאָס, מאנדאָלין אָרקעסטער, קאָנצערטינא און אויך ליטעראַרישע קרעפטען: פּאָרלעזער, רעקלאמאטאָרס, מאָנאָלאָגען. הומאָריסטישע און ערנסטע איין־אקטערס, ווי אויך גאנצע טהעאטער פאָרשטעלונגען. די ביוראָ ניט זוכענדיג פאר זיך קיינע פּראָפיטען וועט זיין אימשטאנדע צו צושטעלען די בעסטע קרעפטען אויף זעהר מעסיגע פרייזען. די ברענטשעס וואָס ווילען האָבען זייערע אונטערנעהמונגען אראנזשירט דורך דיזע ביוראָ, קענען זיך ווענדען צו דער עדיוקיישאָנאל קאָמיטע פון ארבייטער רינג, 175 איסט בראָדוויי, אָדער צו דער ליטעראַריש־מוזיקאלישער ביוראָ אויפ'ן זעלבען אדרעס.

## אַרבייטער רינג סימפּאָניא אָרקעסטער

עס האָט זיך געגרינדעט אַ מוזיקאַלישע אָרגאַניזאַציאָן אונטער דער אויפזיכט פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע פון דעם אַ. ר. מיט דעם צוועק צו פערשפּרייטען קלאַסישע ווי אויך פּאָפּולערע גוטע מוזיק צווישען די ברייטע מאַסען אין אַלגעמיין און די מעמבערס פון אַ. ר. איבערהויפּט. עס איז שוין אַלעס אַראַנזשירט געוואָרען אַזוי דאָס עס זאָל צופרידענשטעלען אַלעמען, די מעמבערס פון דעם אָרקעסטער אַזוי גוט ווי דאָס פּובליקום. מיר וואַרטען נאָר דאָס דער אָרקעסטער זאָל שנעל פערפולט ווערען אום מיר זאָלען זיין אימשטאַנדע אָנצופאַנגען די ריהוירסעלס אַזוי שנעל ווי מעגליך. עס איז נאָך אַ פראַגע פון אַ פּאָר טעג ווי מיר וועלען זיין אימשטאַנדע צו אַנאָנסירען דעם נאָמען פון קאָנדאַקטאָר. מיר האָבען אַלעס אַזוי צוזאַמען געשטעלט דאָס מיר זאָלען זיך ניט דארפען גוויטיגען אין קיין שום זאַך. דער אַרבייטער רינג סימפּאָני אָרקעסטער איז אין פערבינדונג מיט די גרעסטע אויטאָריטים אין דער מוזיקאַלישער וועלט. און עס איז צו האָפען דאָס דער אַרבייטער רינג סימפּאָני אָרקעסטער וועט זיין איינער פון די גאָר גוטע אָרקעסטערס צווישען ליעבהאָבער אין דער מוזיקאַלישער וועלט.

ווי איהר זעהט אַלזאָ איז אַלעס פערטיג צו אָנפאַנגען. דאַרום אַפּעלירען מיר צו אַלע וועלכע שפּיעלען אויף אירגענד וועלכען אינסטרומענט, זיי זאָלען זיך גלייך מעלדען, יעדען פרייטאָג אבענד, אין אָפיס פון אַ. ר. און פרעגען פאַר פריינד נייטהאַן ה. אַלטערמאַן, אָרגאַנייזער.

נ. ב. — אָרגאַניזאַציאָנען וועלכע ווינשען דאָס דער אָרקעסטער זאָל פאַר זיי עטוואָס טהאָן, מוזען, בעפאָר זיי בעשליסען אירגענד וועלכע אונטערנעהמונג, זיך בעראַטען מיט אונז צוערשט. אויך לייטע, וועלכע שטודירען אָדער ווילען שטודירען מוזיק, זאָלען זיך פריהער מיט אונז בעראַטען.

דער אַ. ר. סימפּאָני אָרקעסטער.

---

## דאַנקזאָגונגען

צו אַ גוט־בעזוכטען מיטינג פון בר. 277 אַרבייטער רינג, אָבגעהאַלטען געוואָרען פרייטאג אבענד נאָוו. דעם 23טען 1917, איז איינשטימיג בעשלאָסען געוואָרען צו בעדאַנקען אַסעמבלימאַן עלמער ראָזענבערג און אָלדערמאַן אב. בעקערמאַן פאַר קומען בעגריסען אונזער ברענטש צום 9טען יעהרליכען באָלל, וועלכער האָט שטאַטגעפונען שבת אבענד נאָוו. דעם 17טען אין לענאָקס אַסעמבלי רומס, 256 איסט 2־טע סט., ניויאָרק.

מיר ווינשען זיי ערפאָלג אין זייער שווערער אַרבייט אַלס פאָלקספערטרעטער אין דער אַסעמבלי און באָארד אָוו אָלדערמען, און מיר פערזיכערען זיי אַז אונזער ברענטש וועט אין דער צוקונפט אַזוי גוט ווי אין דער פערגאַנגענהייט שטיצען די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אין אַלע איהרע קעמפּפע מאָראַליש און פינאַנציעל.

פרעס קאָמיטע, בר. 277 אַרב. רינג.

---

מיר, די מעמבערס פון בר. 69 אַרב. רינג פון ווילמינגטאָן, דעל., האָבען ביי די אינסטאָליישאָן פון די נייע־ערוועהלטע בעאַמטע, אויסהערענדיג דעם רעפּאָרט וועגען די טהעטיגקייט פון די אַלטע בעאַמטע זונטאג דעם 16טען דזשולייּ, בעשלאָסען אויסצודריקען אונזער הערצליכען דאַנק און אַנערקענונג צו די פריינדע א. סילווער, געוועזענער סעקרעטער אָוו פינאַנס פאַר זיין טהעטיגע אַרבייט די לעצטע צוויי און אַ האַלב יאָהר, פריינד א. סאַסנאָוו רעקאָרדינג סעק., פר. נ. לעאָפאָלד טרעזשורער, און צו דער גאַנצער אַדמיניסטריישאָן פון פערגאַנגענעם פעריאָד. מיט זייער אונערמיעדליכער אַרבייט האָבען זיי פיעל בייגעשטייערט צו דעם סוקסעס פון ברענטש. מיר ווינשען, אַז די ניי־ערוועהלטע אַדמיניסטריישאָן זאָל פאָרטזעצען זייער גוטע אַרבייט.

פיליפּ לעוויטט, דזש. קאַרט, רעז. קאָם.

---

## טרויער רעזאָלוציאָנען

מיר, די מעמבערס פון וואַרשאווער ראַיאָנער בר. 519 אַ. ר. בעדויערען מיט גרויס שמערץ דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער פריינד דייוו קאָרמאַן. מיר דרוקען אויס אונזער טיעפסטע סימפּאַטיע צו זיין פאַמיליע.

עהרע זיין אנדענקען, פריינד קאָרמאַן!

א. פּאַסטילניק, סעק.

---

מיר, די מעמבערס פון בעשענקאָוויטש, טשאַסניקער בר. 428 אַ. ר., דריקען אויס אונזער טיפסטען טרויער איבער׳ן פריצייטיגען טויט פון אונזער געאַכטעטען פריינד אברהם לעווין, וועלכער איז געשטאָרבען דעם 5טען נאָוועמבער 1917. — עהרע זיין אנדענקען! — מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטע סימפּאַטיע צו זיין פרוי און קיגד, שוועסטער און ברידער.

מ. מילמאַן, פינ. סעקר.

---

מיר, די מעמבערס פון ברענטש 34 אַרב. רינג, דריקען אויס אונזער טיעפסטען טרויער אויף דעם טויט פון אונזער מעמבער האָפמאַן, וועלכער איז געשטאָרבען דעם 8טען סעפּטעמבער. מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטע סימפּאַטיע צו דער פרוי און קינדער און צו זיין פאַמיליע.

---

מיר, די מעמבערס פון בר. 320 א. ר. טאָראָנטאָ, קענ., פערזאַמעלט ביי אַ ספּעשעל מיטינג אָקט. דעם 2טען, דריקען אויס אונזער טיעפסטען טרויער אויף דעם טויט פון אונזער מעמבער ס. מאַרטין, וועלכער איז געשטארבען אין לאָס אנדזשעלעס, קאל., אין עלטער פון 31 יאהר. מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטע סימפּאַטהיע צו דער אלמנה און דעם קיגד. עהרע זיין אנדענקען.

דייוו ליוויי, פינ. סעק.

---

מיר, די מעמבערס פון בר. 16 פון פּעטערסאָן, דריקען אויס אונזער טיעפסטען טרויער אויף דעם גרויסען אונגליק, וואס האָט געטראָפען אונזער פריינד ש. סיגאל דורך דעם פערלוסט פון זיין איינציגען זוהן 5 יאהר אלט. מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטע סימפּאַטהיע צו דער פאמיליע.

א. רובין, ש. לעדערמאַן, רעז. קאָם.

---

מיר, די מעמבערס פון ברענטש 374 א. ר. פילאַדעלפיע, פּא., דריקען אויס אונזער טיעפסטען טרויער און שמערץ אויף דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער בעליעבטען פריינד פיליפּ לאקערניק, וועלכער איז גע׳הרג׳עט געווארען פון א טריין אינדזשען דעם 7טען אָקטאָבער 1917 אין עלטער פון 36 יאהר, איבערלאָזענדיג אַ פרוי מיט 6 קליינע קינדער. זיין עדעלע פרייגדשאַפט וועט לאַנג לעבען צווישען אונז. זיין פּלוצלינגער טויט ווערט בעקלאָגט ניט נאָר פון זיין יונגער אלמנה און 6 קליינע קינדער, זאָנדערן פון פיעלע פריינדע און בעקאַנטע. עהרע זיין אנדענקען.

ח. גראס, ס. מיללער, ס. פעלדמאַן, רעז. קאָם.

---

איך דריק אויס מיין טיעפסטען טרויער אויף דעם גרויסען אונגליק וואָס האָט געטראָפען אונזער פריינד ל. שיינבלאַט דורך דעם עקסידענט פון אַן אויטאָמאָביל וואָס האָט גע׳הרג׳עט זיין ליבע יונגע פרוי ענע, איבערלאָזענדיג דריי קליינע קינדער. איך דריק אויס מיין טיעפסטע סימפּאַטיע צו דער פאַמיליע.

מאָררים שטערן, מעמבער עט לאַרדזש, עוועגסוויל, אינד.

---

מיר, די לוידיס אָקזילערי פון בר. 27 אַ. ר. פון ראָטשעסטער, בעדויערען שטאַרק דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער פריינדין גיטעל איבראַמסאָן. מיר האָבען פערלאָרען און איבערגעבענע פריינדין, וועלכע האָט 10 יאָהר געאַרבייט טריי פיר דער לוידיס אָקזילערי. מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטע סימפּאַטיע צו איהר מאַן און 5 קליינע קינדער. — עהרע איהר אנדענקען!

מרס. שורין, סעקר.

אַרבייטער רינג
פאָלקס־אוניווערסיטעט

אַרבייטער רינג
פאָלקס־אוניווערסיטעט

# דער

# אַרבייטער רינג פאָלקס אוניווערסיטעט

## דורך קאָרעספאנדענץ

## ערעפענט

עס ווערען געלערנט פאָלגענדע געגענשטענדע:

**פאָליטישע עקאָנאָמיע**
(ערשטער און צווייטער קורס)
לעהרער
א. ש. זאקס

**פיזיאָלאָגיע**
(ערשטער און צווייטער קורס)
לעהרער
דר. י. א. מעריסאָן

**געאָלאָגיע**
(ערשטער און צווייטער קורס)
לעהרער
דר. אב. קאספע

יעדער קורס בעשטעהט פון 10 לעססאָנס. די לעססאָנס זיינען געדרוקט און ווערען צוגעשיקט אַהיים צו די שילער, יעדע וואָך א לעססאָן.

די שילער פרעגען אָן שריפטליך די לעהרער, אויב עס איז זיי עפּעס ניט קלאָר, און קריגען א שריפטליכען ענטפער פון לעהרער.

**פרייז פאַר יעדען קורס פאַר אַרבייטער רינג מעמבערס**

## בלויז 50 סענט

פערשרייבט זיך גלייך און שיקט אריין 50 סענט אין אָפיס, אָדער בעט אייער סעקרעטער אז ער זאָל אייך סובסקריי־בען, ווייל די לעססאָנס וועלען אין איינציגע וואָכען ארום אָנהויבען צושיקט ווערען צו די שילער. איהר מוזט ניט נעהמען דעם ערשטען קורס פון א געגענשטאַנד. איהר קענט נעהמען וועלכען איהר ווילט.

אַרבייטער רינג
פאָלקס־אוניווערסיטעט

אַרבייטער רינג
פאָלקס־אוניווערסיטעט

FEBRUARY 1918




OFFICIAL ORGAN OF THE WORKMENS CIRCLE

# THE FRIEND

OFFICIAL ORGAN OF THE WORKMEN'S CIRCLE
Published Monthly

Office of Publication:
62 Van Buren St. Passaic, N. J.
General Office:
175 E. Broadway, New York, N. Y.

Subscription Rates:
Per Annum, 50c. Six Months, 25c.
Single Copy, 5 cts.

Entered as second class matter April 21, 191 1, at the Post Office at Passaic, New Jersey, under the Act of July 16, 1914.

THE FRIEND



דער פריינד

Vol. IX FEBRUARY 1918. No. 2

# פון מאָנאַט צו מאָנאַט

**אביסעל מעהר ענערגיע נויטיג.**

ליידער האָט זיך דער קאמפיין פאַר נייע 10 טויזענד מיטגליעדער אין אַרבייטער רינג ביז איצט נאָך ניט אַרויסגעצייגט פאַר אַ גרויסען ערפאָלג. דאָס בעווייזט, אַז אונזערע ברענטשעס און איינצעלנע מיטגליעדער האָבען ביז איצט אין דעם קעמפיין ניט געאַרבייט מיט דער נויטיגער ענערגיע און איבערגעבענהייט, ווי מען האָט ערוואַרטעט. דאָס איז פערדריסליך.

די ברענטשעס דאַרפען זיין דאָפּעלט פער:אינטערעסירט אין דער פערגרעסערונג פון דער מיטגליעדערשאַפט פון אונזער אָרדען. צוערשט פראָפיטירט דער ברענטש דירעקט, ווען ער נעהמט אַריין נייע מיטגליעדער. דער ברענטש ווערט שטאַרקער, לעבעדיגער און זיכערער. ער קען בעסער קומען צו הילף אַ נויטליידענדען מיטגליעד, ער קען אויפטהאָן מעהר אויפקלעהרונגס אַרבייט און דערביי ניט נאָר ניט פערגרעסערען די בילס נאָר זיי נאָך פערקלענערען. דאָס איז, אַלזאָ, אַ דירעקטער געווינס, וואָס יעדער ברענטש דאַרף עס פערשטעהן. דערצו אָבער קומט אַן אינדירעקטער געווינס, וואָס איז אפשר גרעסער ווי דער דירעקטער. ווען די ברענטשעס ווערען גרעסער און שטאַרקער, ווערט דער גאַנצער אָרדען שטאַרקער און זיכערער. ער קען פיעל מעהר אויפטהאָן פאַר זיינע מיטגליעדער ניט פערגרעסערענדיג די צאָהלונגען.

אייגענטליך זיינען די אַלע זאַכען ניט נויטיג צו ווידערהאָלען. יעדער ברענטש, יעדער איינצעלנער מיטגליעד דאַרף זיי פערשטעהן. אָבער ווען מען זעהט, אַז אונזער עולם איז דאָך אַ ביסעל נאַכלעסיג, אַז ער אַרבייט ניט מיט גענוג ענערגיע אַריינצובריינגען נייע מיטגליעדער, מוז מען ווידערהאָלען אַלטע זאַכען און דערביי פרעגען: אויב איהר פערשטעהט עס, אויב איהר ווייסט, אַז אַ גרעסערע מיטגליעדערשאַפט איז אייער אייגענע טובה, טאָ וואָרום שטרענגט איהר ניט אָן אַ ביסעל מעהר ענערגיע צו אַרבייטען פאַר אייער אייגענער טובה?

ווען מען האָט דיסקוטירט די פראָטוירנאַל רייטס פראַגע, האָבען פיעלע פון אונזערע פריינד בעהויפטעט, אַז ווען די פראָטוירנאַל רייטס זאָלען איינגעפיהרט ווערען וועט עס זיין לייכטער אַריינצונעהמען יונגע מיטגליעדער. דאָס איז געווען איינער פון די שטאַרקע אַרגומענטען, וועלכע האָבען געווירקט, אַז די פראַטוירנאַל רייטס זאָלען אָנגענומען ווערען מיט אַזאַ גרויסע מאַיאָריטעט. מיר האָבען, אַלזאָ, איצט די סיסטעם פון פראַטוירנאַל רייטס און עס דאַרף איצט זיין לייכטער אַריינצונעהמען יונגע מיטגליעדער, טאָ וואָרום זעהט מען זיי ניט צו קריגען? וואָרום זיך ניט נעהמען צו דער אַרבייט צווישען די יונגע עלעמענטען, וועלכע זיינען פאַסענד צו זיין מיטגליעדער אין אַרבייטער רינג און זיי אַדיינבריינגען אין אונזער אָרדען?

אונזערע ברענטשעס אין די סטייטס, וואו דער אַרבייטער דינג איז פריהער געווען ניט געזעצליך, פלעגען זיך בעקלאָגען, אַז זיי קענען ניט פערגרעסערען זייער מיטגליעדער צאָהל, ווייל דער גאַנצער אַרבייטער דינג איז ביי זיי ניט זיכער. איצט אָבער ווען דער אַרבייטער רינג איז געוואָרען זיכער אין אַלע סטייטס, איצט ווען דער אַרבייטער רינג האָט איינגעפיהרט די פראַטוירנאַל רייטס, האָבען זיך אונזערע פריינד אין די סטייטס וואו דער אַרבייטער רינג איז פריהער געווען ניט געזעצליך און וואו ער ווערט איצט געזעצליך, געדאַרפט נעהמען מיט דער גרעסטער ענערגיע צו דער אַרבייט צו געווינען וואָס מעהר נייע מיטגליעדער פאַר אונזער אָרדען. אין די אַלע סטייטס, וואו דער אַרבייטער רינג ווערט איצט געזעצליך, האָט געדאַרפט זיך איצט אָנפאַנגען אַ העכסט טהעטיגע אַרבייט אין די עקזיסטירענדע ברענטשעס. זיי אַליין האָבען געדאַרפט צושטעלען עטליכע טויזענד נייע מיטגליעדער. זיי האָבען איצט געקראָגען אַ פרייע האַנד צו אַרבייטען, טאָ וואָרום שווייגען זיי?

און אפשר מאַכען זיי אַ טעות. אפשר ווילען זיי אונז מאַכען אַן איבערראַשונג אין די לעצטע טעג פון קעמפיין, זיי ווע־לען אונז צושטעלען מעהר נייע מיטגליעדער ווי מיר ערוואַרטען פון זיי. דאָס וואָלט ווירקליך זיין אַן אָנגענעהמע איבערראַשונג, מיר וואָלטען אָבער פון איהר וואָס גיכער ווען הערען.

אין דער ווירקליכקייט אָבער גלויבען מיר ניט אין איבערראַשונגען. די בעסטע און פרוכטבאַרסטע טהעטיגקייט איז, וועלכע ווערט געטהאָן פּלאַנמעסיג, גרינדליך און מיט אויסדויער. אַ קעמפיין ווערט געמאַכט בלויז אויפצואוועקען אונזערע ברענטשעס, וועלכע פערגעסען זייער פליכט צו זיך און צו זייער אָרדען. עס טויג אָבער ניט, אַז מען זאָל דאַרפען כסדר וועקען. עס וואָלט זיין אַ סך בעסער, ווען מיר זאָלען ניט דאַרפען האָבען קיין ספּעציעלע קעמפיינס פאַר שאַפען נייע מיטגליעדער. דער קעמפיין פאַר נייע מיטגליעדער דאַרף אָנהאַלטען כסדר, וואָך פאַר וואָך, מאָנאַט פאַר מאָנאַט, יאָהר איין יאָהר אויס. אָבער אויף צו אַזאַ פּלאַנמעסיגע אַרבייט איז פאַר אונזערע ברענטשעס זיך שווער צו צוגעוועהנען, דאַן דאַרפען זיי אַמוועניגסטענס זיך צונויפנעהמען מיט זייער גאַנצער ענערגיע צו טהאָן די אַרבייט אין דעם ספּעציעלען קעמפיין, און טהאָן די אַרבייט אין דער קורצער צייט. די אַרבייט מוז דאָך געטהאָן ווערען.

---

**דער סאַניטאַריום טאָג.**

די ברענטשעס און די איינצעלנע מיטגליעדער, וואָס האָבען נאָך ביז איצט ניט אַריינגעשיקט זייערע בייטרעגע פאַר די „גאָלדענע בלעטער" האָבען עס נאָך צייט צו טהאָן. און מיר וועלען בענוצען די געלעגענהייט זיי צו דערמאָהנען, אַז זיי זאָלען עס טהאָן וואָס גיכער. דער סאַניטאַריום טאָג, וועלכער איז דאָס יאָהר בעשטימט געוואָרען פאַר אַ הילפס־טאָג פאַר אונזערע אונגליקליכע ברידער און שוועסטער אויף יענער זייט ים, דאַרף זיך קרוינען מיט דעם גרעסטען ערפאָלג. די פרייגעביגקייט פון אַרבייטער רינג דאַרף זיך דאָס יאָהר אַרויסווייזען נאָך גרעסער און ברייטער ווי אין פאָריגען יאָהר, ווייל די נויט פון די אידישע מלחמה קרבנות איז געוואָרען פיעל גרעסער. זאָל דעריבער יעדער ברענטש פון אַרבייטער רינג, יעדער איינצעלנער מיטגליעד פון אַרבייטער רינג זאָרגען, אַז אין דעם סאַניטאַריום טאָג זאָל געשאַפען ווערען וואָס מעהר שטיצע, וואָס מעהר הילף פאַר די הונגעריגע און ליידענדע. זאָל דער היי־יאָהריגער סאַניטאַריום טאָג בלייבען אַ היסטאָרישער טאָג אין אַרבייטער רינג.

**אונזערע נייע בירגער.**

אונזערע נייע בירגער, די פרויען, פיהלען נאָך ניט, ווי עס שיינט, אַז אַ גרויסע ענדערונג איז געקומען אין זייער לעבען. יאָהרען און יאָהרען האָבען די פרויען געקעמפפט פאַר זייער פאָליטישער גלייכבערעכטיגונג מיט די מענער, און ווען זיי האָבען זייער קאַמפף ענדליך געוואונען, פעהלט זיי די גענייגענדע ענערגיע זייער געווינס אויסצונוצען.

די פרויען האָבען געוואונען פאָליטישע רעכטען, אָבער אום אויסצונוצען די געוואונענע רעכטען, מוז מען צוערשט האָבען בירגער פאַפּירען, מען דאַרף זיך נאַטוראַליזירען, אַז ניט האָט דער גאַנצער געווינס קיין ווערטה.

די נאַטוראַליזאַציאָנס־אַרבייט צווישען די פרויען האָבען אייגענטליך געדאַרפט איבערנעהמען די פרויען גופא. פעהלט זיי אָבער פאַר דעם צוועק די נויטיגע אָרגאַניזאַציאָן. די פרויען פון די קאַפּיטאַליסטישע קלאַסען האָבען אָרגאַניזאַציאָנען און מיטעל גענוג, אָבער ניט וועגען די פרויען פון די קאַפּיטאַליסטישע קלאַפּען ריידען מיר דאָ, מיר ריידען דאָ וועגען די אַרבייטער פרויען, וועגען די אַרבייטער מיידלעך. די פרויען פון די קאַפּיטאַליסטישע קלאַסען זיינען מייסטענס נאַטוראַליזירטע, און זיי וועלען זייערע פאָליטישע רעכטען אויסנוצען פאַר דעם קלאַס צו וועלכען זיי געהערען. די אַרבייטער פרויען דאַרפען אָבער הילף פון די אַרבייטער אָרגאַניזאַציאָנען. זיי דאַרפען זיי העלפען אין דער נאַטוראַליזאַציאָנס אַרבייט און זיי דאַרפען זיי אויך העלפען זיך צו אָרגאַניזירען.

די ברענטשעס פון אַרבייטער רינג קענען אין דעם פּרט אויפטהאָן זעהר פיעל און זיי האָבען זיך אויך געדאַרפט שטעלען פאַר דער אויפגאַבע דיעזע אַרבייט צו טהאָן. עס איז אַ העכסט וויכטיגע אויפגאַבע.

און עס איז צו בעדויערען, וואָס די פרויען האָבען אַזוי שטאַרק פערנאַכלעסיגט דעם אַרבייטער רינג. ווען די אַרבייטער פרויען און אַרבייטער מיידלעך וואָלטען געוועזען שטאַרק פערטראָטען אין אַרבייטער רינג, וואָלטען זיי געקענט זעהר גוט אויסנוצען די אָרגאַניזאַציאָנען פאַר דער נאַטוראַליזאַציאָנס־אַרבייט, וועלכע איז זיי איצט אַזוי שטאַרק נויטיג. עס איז אָבער נאָך אויך איצט צייט. זיי דאַרפען איצט אַריינטרעטען אין אַרבייטער רינג, די בעסטע און די פּאַסענדסטע אָרגאַניזאַציאָן פאַר זיי.

אָרגאַניזאַציאָן איז די ערשטע בעדינגונג כדי צו קענען אויסנוצען אויף אַ ווירקזאַמען אופן די רעכטען, וואָס מען האָט. עטליכע טויזענד אָרגאַניזירטע קענען אויפטהאָן פיעל מעהר ווי הונדערטע טויזענדע ניט אָרגאַניזירטע. אונזערע אַרבייטער־פרויען און אַרבייטער־מיידלאַך דאַרפען איצט אַריינטרעטען אין די עקזיסטירענדע אַרבייטער אָרגאַניזאַציאָנען, כדי זייערע נייע געוואונענע רעכטען זאָלען קענען אויסגענוצט ווערען פאַר דעם אַרבייטער־קלאַס צו וועלכען זיי געהערען.

און עס דאַרף זיין די אויפגאַבע פון אונזערע אַרבייטער־אָרגאַניזאַציאָנען צו העלפען די פרויען זיך אָרגאַניזירען, זיי העלפען זיך נאַטוראַליזירען. אונזערע ברענטשעס פון אַרבייטער רינג דאַרפען בעזונדערס זיך אָבגעבען מיט דיעזער העכסט וויכטיגער אַרבייט און מיר זיינען זיכער, אַז זיי וועלען אויך האָבען ערפאָלג.

---

**דער אַרבייטער רינג און ציוניזם.**

דער אַרבייטער רינג האָט זיך ניט געשטעלט די אויפגאַבע צו בעזאָרגען דאָס אידישע פאָלק מיט אַן אייגען לאַנד און האָט אַלס אָרגאַניזאַציאָן קיין מאָל ניט גענומען קיין שטעלונג פאַר ציוניזם אָדער געגען ציוניזם, פאַר פּאַלעסטינאַ אָדער געגען פּאַלעסטינאַ.

עס איז קיין צווייפעל ניט, אַז די גאַנץ גרויסע מאַיאָריטעט פון אַרבייטער רינג איז אימער געווען געגנעריש געשטימט צו דער ציוניסטישער בעוועגונג, אָבער דער אַרבייטער רינג אַלס גאַנצער האָט ניט אָנגענומען קיין בעשליסע געגען דער ציוניסטישער בעוועגונג און האָט זיין מיינונג ניט געזאָגט וועגען פּאַלעסטינאַ, אויב אידען דאַרפען דאָרטען האָבען אַ מלוכה אָדער ניט.

דער אַרבייטער רינג האָט ניט פערשלאָסען זיינע טהירען פאַר ציוניסטען. ער האָט אַריינגענומען אויך ציוניסטען אין זיינע רייהען, ווען זיי זיינען נאָכגעקומען די פאָדערונגען פון דער אַרבייטער רינג קאָנסטיטוציע. מיר וואָלטען זאָגען, אַז דער אַרבייטער רינג אַלס אָרגאַניזאַציאָן האָט זיך בעצויגען צום ציוניזם, ווי צו רעליגיאָן. עס איז אַ פּריוואַט זאַך און האָט מיט דעם אַרבייטער רינג אַלס אַזעלכען ניט צו טהאָן. דער אַרבייטער רינג אַלס אָרגאַניזאַציאָן האָט געזוכט בלויז, אַז עס זאָל הערשען דער סאָציאַליסטישער גייסט אין זיינע רייהען, און אויב איינער וויל צו זיין סאָציאַליזם פערבינדען אַן אַנדער „איזם" איז דאָס זיין זאַך.

און ווען ברענטשעס און איינצעלנע מיטגליעדער פון אַרבייטער רינג ווענדען זיך צו אונז היינט מיט פראַגען, אַז מיר זאָלען זיי ערקלערען, וואָס איז היינט די שטעלונג פון אַרבייטער רינג צום ציוניזם און צו אַ אידישער מלוכה אין פּאַלעסטינאַ, קענען מיר זיי ענטפערען, אַז די שטעלונג פון אַרבייטער רינג איז געבליבען דיזעלביגע וואָס פריהער, זי האָט זיך ניט געענדערט.

דער אַרבייטער רינג האָט זיינע אויפגאַבען, מאַטעריעלע און גייסטיגע און זיי דאַרף ער ערפילען. קיין אייגען לאַנד פאַר אידען קען דער אַרבייטער רינג ניט קריעגען, ווען אפילו אַלע הונדערט פּראָצענט פון זיינע מיטגליעדער זאָלען עס בעשליסען. עס איז ניט אין זיין מאַכט און ער האָט זיך עס ביז איצט ניט געשטעלט פאַר זיין אויפגאַבע און וועט זיך עס אויך ווייטער ניט שטעלען פאַר זיין אויפגאַבע.

אויב אידען וועלען צופעליג קריגען אַן אייגען לאַנד, קען מעגליך זיין, אַז דער אַרבייטער רינג פון אַמעריקאַ וועט העלפען גרינדען אַן אַרבייטער רינג אין דעם אידישען לאַנד און אפשר וועט ער דאָס אויך ניט טהאָן. עס קען זיין, אַז ער וועט עס איבערלאָזען פאַר די אידישע אַרבייטער, וואָס וועלען דאָרטען זיין.

און אויף וויפיעל מיר קענען אורטיילען פון דער גרויסער מיטגלידערשאַפט פון אונזער אָרגאַניזאַציאָן, קענען מיר ניט בעמערקען, אַז עס איז געקומען אַ גרויסע ענדערונג אין זייער שטעלונג צו דער פּאַלעסטינאַ פראַגע. ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס די ציוניסטען האָבען אַזוי פיעל געקלאַפּט אין אַלע זייערע קעסעל־פּויקען און געבלאָזען מיט אַלע זייערע טרומייטען, וועגען דער אָנגעקומענער אידישער גאולה, האָבען זיך אפילו קיין האַלב צעהנדליג ברענטשעס פון אַרבייטער רינג ניט געפונען, וואָס האָבען זיך אויף דער דאָזיגער פּויקעריי און טרומייטעריי אָבגערופען. מען האָט אין די אַרבייטער רינג ברענטשעס קיין דאַנק־רעזאָלוציעס פאַר באַלפור'ס פּאַלעסטינאַ דעקלאַראַציע ניט אָנגענומען. און רעכט האָבען זיי געטהאָן. עס איז ניט אין דעם גייסט פון אַ סאָציאַליסטישער אָרגאַניזאַציאָן אָנצונעהמען דאַנק־רעזאָלוציעס אין פערבינדונג מיט מיליטערישע זיעגע.

און אויב וואו עס איז אין אַ שטעדטעל האָט אַן אַרבייטער רינג ברענטש אָנגענומען אַ רעזאָלוציע וועגען צאָהלען דעם ציוניסטישען שקל, קען די רעזאָלוציע זיין בינדענד בלויז פאַר די, וואָס האָבען פאַר איהר געשטימט, אויב זיי האָבען בייס צאָהלען דעם שקל שוין ניט חרטה געהאַט. די וואָס וועלען אָבער ניט צאָהלען, קען זיי קיין בעשלוס פון ברענטש ניט צווינגען. דער בעשלוס האָט קיין ווערטה און ער איז דעריבער נאַריש.

מיר גלויבען אין אַלגעמיין ניט, אויב דער אַרבייטער רינג האָט וואָס צו ענדערען זיין שטעלונג בונגע צו פּאַלעסטינאַ אָדער צו אַן אייגענעם אידישען לאַנד אין אַלגעמיין. אַלענפאַלס איז ניטאָ איצט וואָס צו ענדערען, ווייל, עס האָט זיך אין אַלגעמיין פּאַקטיש גאָרנישט געענדערט אין דער פראַגע פון אַ אידישער היים. פאָרלויפיג הערען מיר בלויז ווערטער, קיין ממשות'דיגע פאַקטען זעהען מיר ניט.

---

**אידישע אַרבייטער רינג שולען.**

איין קאָנווענשאָן נאָך דער צווייטער האָבען אָנגענומען בעשליסע צו גונסטען פון אידישע ראַדיקאַלע שולען, אָבער מיט גינסטיגע בעשליסע אַליין קען מען קיין שולען ניט עפענען, צו די בעשליסע איז נויטיג געלד.

די אַלע חקירות וועגען דעם אויב אידיש האָט אַ צוקונפט אין אַמעריקאַ אָדער ניט, מעגען זיך זיין גאַנין אינטערעסאַנטע און טיעפזיניגע, אָבער עס איז אַ פאַקט, דאָס די גרעסטע צאָהל אַרבייטער־רינג מיטגליעדער וואָלטען וועלען, אַז זייערע קינדער זאָלען קענען אידיש. און דער וואונש איז אַזאַ גרויסער, דאָס פיעלע גאַנץ ראַדיקאַלע און סאָציאַליסטישע מיטגליעדער פון אַרבייטער רינג שיקען זייערע קינדער אין תלמוד תורות, כדי זיי זאָלען זיך דאָרטען אויסלערנען אַ ביסעל אידיש.

די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע פון אַרבייטער רינג האָט דאָס יאָהר געמאַכט אַ פּראָבע דורכצופיהרען רעם בעשלוס פון די לעצטע צוויי קאָנווענשאָנס פון אַרבייטער רינג צו גרינדען אידישע אַרבייטער רינג שולען, אָבער די ערשטע פראַגע איז געווען: וואו נעהמט מען די מיטעל? קיין געלד האָט די קאָנווענשאָן פאַר דעם צוועק ניט בעשטימט און דער פאָנד פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע איז שוין אַזוי געגוג קליין, אַז מען זאָל קענען פון איהם מאַכען נייע אויסגאַבען.

די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט דעריבער זונטאַג, דעם 20טען יאַנואַר צונויפגערופען אַ קאָנפערענץ פון די ניו יאָרקער ברענטשעס צו בעהאַנדלען די פראַגע וועגען עפענען אידישע ראַדיקאַלע אַרבייטער רינג שולען אין ניו יאָרק. די קאָנפערענץ האָט בעשלאָסען, אַז אַ לאָקאַלער רעפערענדום צום אַלע ניו יאָרקער ברענטשעס וועגען אַ ספּעציעלען שול־טעקס פון 5 אָדער 3 סענט אַ קוואָרטאַל, זאָל אַרויסגעשיקט ווערען. קיין אַנדער מיטעל ווי צו שאַפען געלר האָט די קאָנפערענץ ניט געפונען.

עס איז אמת, אַז אַ רעפערענדום איז פערבונדען מיט פיעלע שוויריגקייטען און עס וועלען זיך געוויס געפינען מעהרערע ברענטשעס, וואָס וועלען זיך ניט ווענען אונטערוואַרפען דעם בעשלוס פון רעפערענדום, אָבער עס איז דאָך ניטאָ קיין אַנדער אויסוועג ווי צו שאַפען די נויטיגע סומע געלר, וואָס ראַרף קאָסטען די ערעפענונג פון די געווינשטע שולען.

אויב די אירישע ראַדיקאַלע אַרבייטער רינג שולען זיינען ניט בלויז אַ פרומער וואונש פון אונזערע מיטגליעדער, נאָר זיי ווילען זיי זעהן פערווירקליכט, ראַן מוז געשאַפען ווערען פאַר זיי אַ פאָנד.

מיר האָפען דעריבער, אַז די ניו יאָרקער ברענטשעס וועלען זיך וואַרעם אָברופען אויף דעם בעשלוס פון רער קאָנפערענץ און וועלען איהם גוט הייסען.

## דר. פאול קאַפּלאַן

מיט דעם טויט פון דר. פאול קאַפּלאַן האָט די אידישע אַרבייטער בעוועגונג פערלאָרען איינעם פון איהרע אידעאַלסטע און איבערגעבענסטע טהוער.

דר. קאַפּלאַן איז געווען איבערגעבען מיט לייב און לעבען דער סאָציאַליסטישער בעוועגונג און דער אַרבייטער בעוועגונג אין אַלגעמיין. לעבענריג אַזוי לאַנג אין אַמעריקאַ, איז איהם דאָך די רוסישע רעוואָלוציאָנערע בעוועגונג געבליבען אַזוי נאָהנט און טייער, פונקט ווי אין דעם טאָג ווען ער איז געצוואונגען געווען רוסלאַנד צו פערלאָזען. עס איז פאַר איהם קיין קרבן ניט געווען שווער פאַר דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג אין רוסלאַנד, אַזוי ווי ער איז געווען גרייט צו ברייגען יערען קרבן פאַר דער סאָציאַליסטישער און אַרבייטער בעוועגונג אין אַמעריקאַ.

דר. קאַפּלאַן האָט געלעבט און געזאָרגט פאַר אַנדערע, פאַר יערען נויטבעדערפטיגען און פאַר יעדען ליידענדען, וועניגער פאַר אַלעמען האָט ער געלעבט און געזאָרגט פאַר זיך. מיר האָבען וועניג אַזעלכע אידעאַליסטישע מענשען ווי דר. קאַפּלאַן. עהרע זיין אנדענקען.

# די נאַצ. עקז. צו אַלע מעמבערס פון ארבייטער רינג

איהר ווייסט אלע, אַז די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו קאָמיטע האָט זיך געשטעלט אַלס ציעל צו קריגען ביז'ן קאָנווענשאָן צעהן טויזענד נייע רעקרוטען פאַר דער רעוואָלוציאָנערער אַרמעע פון ארבייטער רינג.

לעצטען יאָהר איז אַזאַ עהנליכער קאַמפּיין געווען ערפאָלגרייך. עס איז ניטאָ קיין אורזאַכע ווארום אונזער אַרבייט זאָל אויך דיעזען יאָהר ניט ברייגגען געווינשטע רעזולטאַטען. דאָס איז אָבהענגיג בלויז פון אייך, מיטגליעדער פון ארבייטער רינג.

מיר ווייסען, אַז די צייט איז יעצט אַ שלעכטע, אַז אין פיעלע ארבייטער פאַמיליען איז צוליעב דעם יקרות דאָס לעבען געוואָרען נאָך שווערער, ווי בעפאָר. אָבער דאָס איז פיליכט נאָך מעהר אורזאַכע אָנצושליסען זיך אָן א זעלבסט־הילף אָרגאַניזאַציאָן, וואו מען קען קריגען פריינד און אונטערשטיצונג אין פריידען און אין ליידען.

איינצעלנע פערזאָנען, אַזוי גוט ווי גאַנצע אָרגאַניזאַציאָנען, מוזען זיך ענטוויקלען, מוזען פּראָגרעסירען, אום צו האָבען ווייטערדיגען ערפאָלג.

זייט איהר פעראינטערעסירט אין דעם ערפאָלג, אין דעם וואָהלזיין פון אַרבייטער רינג? דאַן איז עס אייער הייליגע פליכט צו זעהן אז אייער אָרדען זאָל ווערען שטאַרקער און מעכטיגער ווי ער איז. וואָס גרעסער און שטאַרקער דער אַרבייטער רינג ווערט, אַלץ לייכטער ווערען די לאַסטען פון די איינצעלנע מעמבערס.

הונדערטער מעמבערס פון אַרבייטער רינג זיינען געדרעפטעט געוואָרען. א רעפערענדום ווערט יעצט אַרויסגעשיקט צו שאַפען אַ פאָנד צו דעקען זייערע דיוס. דער אַרבייטער רינג האָט זיך אויך פערפליכטעט צו שאַפען 25 טויזענד דאָלאַר פאַר די אידישע מלחמה קרבנות אין אייראָפּא. מיר דארפען און מוזען צוקריעגען נייע טויזענדער מיטגליעדער צו מאַכען אונזער אָרדען נאָך שעהנער, נאָך שטאַרקער, נאָך איינפלוסרייכער.

דער מאָטאָ אין ארב. רינג דארף יעצט זיין: „יעדער מעמבער זאָל אם וועניגסטען איין נייעם מיטגליעד צוקריעגען“.

# וואָס הערט זיך אין אַרבייטער רינג?

י. ב.

דער יאהר 1917 האָט געבראַכט דער וועלט ניט קיין קליינע איבעראַשונגען. פּאַסירונגען זיינען געפלויגען איינע נאָך די אַנדערע מיט אַזאַ אימפּעט און געמאַכט אַזעלכע שריטע, אַז די אויג האָט זיי גאָר ניט געקענט נאָכפאָלגען. דאָס, וואָס נעכטען האָט געשיינט צו זיין גאָר ניי, פריש, איז מאָרגען געוואָרען אַלט, אָדער נאַטירליך, אַז מ'זאָל זיך דערמיט זאָגאַר ניט בעשעפטיגען. עס וועט אָבער איבערבלייבען פאַר דעם היסטאָריקער דיזע געשעהענישען צו אַנאַליזירען, פאַנאַנדערקלערען זיך אין זייער אורשפּרונג און געבען צו זיי די נויטיגע ערקלעהרונגען.

אין דעם אַרבייטער רינג וועלטעל האָט די ענדע פון יאהר 1917 געבראַכט אַ שטילע, אינערליכע רעוואָלוציע, אַן איבערקעהרעניש אין דעם גאַנצען פונדאַמענט פון די צאָהלונגען פאַר'ן טויטען פאָנד, אַן ענדערונג, וועלכע וועט וואהרשיינליך ברינגען צו אונגעהייער גרויסע רעזולטאַטען און וועט אַוועקשטעלען דעם אַרבייטער רינג פּנים אל פּנים מיט אַזעלכע פּראָבלעמען און פראַגען, וועגען וועלכע עס האָט פריהער קיין רעדע גאָר ניט געקענט זיין.

---

איז דיזע שטילע, בלוטלאָזע רעוואָלוציע פאָרגעקומען אונערוואַרטעט? זיינען די רעזולטאַטען פונ'ס רעפערענדום וועגען פּראַטוירנאַל רייטס געווען אַ סורפּריז פאַר די ברייטע מעמבערשיפּ, אָדער זיי האָבען דיזע רעזולטאַטען אויפגענומען ווי אַ זאַך, וועלכע האָט אַנדערש ניט געקענט זיין? איך וועל ניט נעהמען אויף זיך די ראָלע פון אַן אַנאַליטיקער, און אַריינדרינגען אין אַלע איינצעלנע פאַזען פון דיזען מערקווירדיגען שטרייט אין אַרב. רינג איך וועל ניט זיין יעצט דער היסטאָריקער פון דעם 3 יאָהריגען קעמפּיין פאַר און געגען די פּראַטוירנאַל רייטס. די געשעהענישען זיינען נאָך פריש אין זכרון און יעדער, מעהר אָדער ווייניגער בעקאַנט מיט'ן לעבען פון אונזער אָרגאַניזאַציאָן, ווייס די אַלע איינצעלהייטען פון דיזער מלחמה. און דיזע איינצעלהייטען זיינען גראַדע די אינטערעסאַנטסטע אין דער געשיכטע פון אַרבייטער רינג און זיי וועלען בילדען איינע פון די מערקווירדיגסטע בלעטער היסטאָריע אין אונזער אָרגאַניזאַציאָן. ווייל יעצט קען מען דאָך זאָגען דעם אמת, און קיינער וועט עס ניט אָבלייקענען, אַז אונטער דעם דגל פון געגנערשאַפט צו „פּראַטוירנאַל רייטס" האָבען זיך קאָנצענטרירט (מיט אַ קליינער אויסנאַהמע) אַלע אָפענע און פערבאָרגענע געגנער פון איין פראַקציע אין אַרבייטער רינג געגען דער צווייטער. די „פּראַטוירנאַל רייטס" פראַגע איז געווען נאָר אַ שירם צו פערדעקען אַלע אַטאַקעס (ריידענדיג בלשון מלחמה) און הינטערגרונד אונטערגראָבענס אונטער די פערטיידיגונגס־ליניען פון שונא. אין לעצטען יאָהר אָבער, ווען די פראַקציאָנעלע שטרייטיגקייטען זיינען בעדייטענד אָבגעשוואַכט געוואָרען, אָדער בעסער געזאָגט, כמעט אינגאַנצען פערשוואונדען געוואָרען, איז געווען אויך לאָגיש, אַז דער קאַמפּף געגען די פּראַטוירנאַל רייטס זאָל אָננעהמען אַ סך אַ מילדערען כאַראַקטער ווי אין די פריגע יאָהרען. און קוים איז די געגנערשאַפט אָבגעשוואַכט געוואָרען און די אָנהענגער פון דער רעפאָרמע האָבען געקראָגען אַ גרויסע שטיצע פאַר זייערע אַרגומענטען אין די בעשליסע פון אַנדערע אידישע בעלי בתי'שע אָרדערס וועגען די נויטווענדיגקייט איינצופיהרען ענדערונגען אין די צאָהלונגען פאַר'ן טויטען פאָנד, אום צו פערזיכערען די סאַמע עקזיסטענץ פון דיזע אָרדערס — דאָס אַלעס צוזאַמען האָט געבראַכט דערצו, אַז דער רעפערענדום וועגען די „רייטס" האָט בעקומען אַזאַ מעהרהייט, וועגען וועלכע די גרעסטע אָפּטימיסטען האָבען ניט געהאַט די העזה זאָגאַר צו חלומ'ען.

---

עס פערשטעהט זיך, אַז דער רעזולטאַט פון רעפערענדום האָט אַרויסגערופען אַן אויסברוך פון שמחה און בעגייסטערונג אין די אַלע סטייטס וואו דער אַרבייטער רינג איז נאָך ניט געלייסענט. גאַנצע בערג פון בעגריסונגען און גראַטולאַציאָנען האָבען זיך גענומען שיטען אין אָפיס פון אַלע עקען לאַנד. אַ בעזונדערען ענטוזיאַזם האָט דיזער רעזולטאַט אַרויסגערופען צווישען די מעמבערס פון אונזער שוועסטער אָרגאַניזאַציאָן, די לייבאָר ליעג. דיזע מעמבערס האָבען אויסגעקוקט אויף דיזע רעפאָרמע, ווי פרומע אידען אויף דער גאולה. לאַנג האָבען זיי געוואַרט אויף דיזען טאָג, געוואַרט און געגאַרט נאָך דיזען מאָמענט מיט אַ ציטערנדע האַרץ און מיט אַ פערכאַפּטען אָטעם. זיי, די געזעצליכע קינדער פון דער מאַמען, האָבען זיך געפיהלט ווי מיט געוואַלד אָבגעריסען פון זייער היים, פון זייערע ברידער און שוועסטער און פערשיקט געוואָרען מחוץ למחנה, אין אַ ספּעציעלער „טשערטאַ אָסעדאָלסטי", וואוהין דער אַרבייטער רינג, זייערע געזעצליכע עלטערען, האָט ניט געטאָרט אַריינקומען. מיט דעם אָננעהמען אָבער פון „פּראַטוירנאַל רייטס" איז דער ערשטער, שווערסטער שטיין אויפ'ן וועג צו לעגאַליזאַציאָן אָבגעדאַמט געוואָרען פון וועג, און שטראַהלען פון האָפנונגען האָבען אָנגעפילט זייערע הערצער, האָפנונגען אַז אַלע אַנדערע שוועריגקייטען, וועלען אויך אין גיכען בייגעקומען ווערען און די קינדער וועלען זיך מיט פרייד און בעגייסטערונג אַריינוואַרפען זיך אין די אָרעמס פון דער מאַמען און לעבען צוזאַמען ווי איין משפחה, מיט איין האַרץ, מיט איין נשמה און אַרבייטען האַרמאָניש פאַר איין אידעאַל, פאַר איין פּרינציפּ, פאַר אַ ליכטיגערע, בעסערע צוקונפט פאַר דער ליידענדער מענשהייט.

---

און צום גרעסטען קרעדיט פון די געגנערס פון די „רייטס" מוזען מיר דערמאָהנען דעם פאַקט, אַז אַזוי גלייך, ווי דער רעזולטאַט איז בעוואוסט געוואָרען האָבען זיי די נייעס אויפגענומען גאַנץ אַנשטענדיג, מיט יראת הכבוד פאַר די אונגעהייערע מאַיאָריטעט, וואָס־עס איז אָבגעגעבען געוואָרען פאַר דיזע רעפאָרמע. זיי זיינען גוטע דעמאָקראַטען, אונזערע אַרבייטער רינג מעמבערס, און זיי האָבען געבויגען זייער קאָפּ פאַר די גרויסע מעהרהייט. און זיי האָבען בעשלאָסען דורכצופיהרען דיזע רעפאָרמע ביי זיך אין די בראַנטשעס אויף דעם בעסטען, פאַסענדסטען וועג און וועלען זיכער העלפען דער עקזעקוטיווע אין דער ווייטערדיגער אַרבייט און איינפיהרען די אַלע ווייטערדיגע רעפאָרמען, וועלכע וועלען אַרויפשווימען אין צוזאַמענהאַנג מיט די איינפיהרונג פון די „רייטס". ווייל אַלע האָבען אין זינען די אינטערעסען פון דער אָרגאַניזאַציאָן, אַלע דענקען וועגען איין בעגעהר, וועגען איין פערלאַנג: צו מאַכען דעם אַרבייטער רינג שטאַרקער, איינפלוסרייכער און ערהאַבענער.

---

וועט די איינפיהרונג פון די „פּראַטוירנאַל רייטס" מאַכען די אַרבייט פאַר די סעקרעטערע שווערער און קאָמפּליצירטער?

נפתלי:

# „אָנגעוועהטאַגטע פראַגען"

(פעליעטאָן)

ראנקען גאָט שוין פטור געווארען פון דער לאַנג־ציהענדער און אָנגעוועהטאָגטער פראגע וואס האָט זיך ביי אונז ראָס מאָהל גערופען „פראַטוירנאַל רייטס".

מיר זיינען אזעלכע צאַרט־פיהלענדע מענשען אז יעדע פראגע וואס קומט פאָר אין אונזער וועלטעלע, טהוט אונז באַלד וועה.

אַלעס הייסט ביי אונז „אָנגעוועהטאָגט".

האָבען מיר געהאט, ניט איצט־געדאַכט, דעם „יונג" און „אַלט" קאמפף, איז דאָס געוועזען אן „אָנגעוועהטיגטע" פראגע, און אפילו די בענעפיט קאָמיטע, ווען זיי קומט אויס צו רעדען וועגען די צו גרויסע בענעפיטס וואס זיי צאָהלען אוים יעדען קווארטאַל, שרייען זיי אויך אז. מען וואָלט געדארפט מאַכען א סוף צו דער „אָנגעוועהטאָגטער" פראגע.

אַי ס'האָט דאָך געקאָנט זיין אז די גרויסע בענעפיטס נעהמען זיך דערפון וואָס ס'האָט געבושעוועט די „גריפּ", אָדער ס'איז גלאַט געווארען סלעק אין עטליכע טריידס... ווען זיי אָבער זיך ניט רעכענען מיט דיזע פאקטען, און ס'איז גענוג אז מען שרייט: „ס'איז אן אָנגעוועהטאָגטע פראגע" און מען דארף פון איהר פטור ווערען.

און ניט נור ביי דער בענעפיט קאָמיטע אַליין צושפּיעלען זיך אמאָהל די „וועהטאָגען", נור כמעט ביי אַלע אונזערע רעפּארטמענט קאָמיטעטען.

אָט נעהמט, למשל, די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע, דאכט זיך גאָר א אונשולדיגע קאָמיטע, פיהרט מיט קיינעם ניט קיין פּאָליטיקס, איז ניט פעראנטווארטליך פאר קיינע בענעפיטס, און קומט איבערהויפּט מיט קיינעם ניט אין בעריהרונג אויסער מיט דעם וואס זי דארף אונז בעזאָרגען מיט עדיוקיישאָן, לעקטשורס און ביכער, האָט זיך איהר בעשטימטען בודזשעט,

און געהט כמעט אויף א אויסגעטראָטענעם וועג; און דאָך אַז איהר וועט איהר א טאַפּ טהאָן ביים דופק וועט איהר באַלד דערפיהלען אז עפּעס טהוט איהר וועה, אז זי טראָגט זיך אויף אַרום מיט „אָנגעוועהטיגטע" פראגען, — און טאָמיר איז פאר איהר ווענינ געווען דער קאָפּ־און־בויך וועהטאָג וואס זי האָט שטענדיג געליטען פונ'ם בודזשעט מיט וועלכען זי צושניידט זיך פשוט די פינגער, און קען בשום אופן ניט אויסטהיילען אַלעמען גענוג עדיוקיישאָן, האָט איהר נאָך דער רבונו של עולם מזכה געווען מיט א כאָר, וועלכער ק ע ן נ י ט זינגען אָהן דעם דיריגענט, און ו ו י ל נ י ט ז י נ ג ע ן מ י ט ד ע ם ד י ר י ג ע נ ט . . .

און אז דיזער כאָר־פראַגע איז שוין ביי אונז אויך ברוך השם אן „אָנגעוועהטאָגטע" קענט איהר זעהן פון דעם וואס ביי א קאָנפערענץ וואו מען האָט גערעדט וועגען שאַפען פינף־און־צוואנציג־טויזענד דאָלאר פאר די מלחמה קרבנות און צעהן טויזענד נייע מיטגליעדער פאר'ן ארב. רינג, האָט גאָר דער טשערמאַן פון דער עקז. קאָמ. געפונען פאר נויטיג אָבצוזינגען אַ טרויער־מאַרש נאָך דעם כאָר... א גליק וואָס עס האָט זיך ניט געפונען איינער, וואס זאָל אויפפאָדערען אַלע אנוועזענדע אויסצואיבען אויף דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע א „מורא'דיגען" דרוק מיט דעם וואס צו יעדען מיטינג פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע זאָלען אריינמאַרשירען גרויסע מאַסען פון אונזערע מעמבערס, און זיי פשוט ניט לאָזען מיטען, און די פראגע איז געלעזט ווייל אזוי שנעל ווי די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע הערט אויף צו מיטען, מוז דער כאָר אָנהויבען צו זינגען...

אז אונזערע סאַניטאַריום קאָמיטעס האָבען זיך אַלע יאָהרען ארום געטראָגען מיט גאַנצע פעק „אָנגעוועהטאָגטע פראגען" איז דאָך דאַכט זיך פאר קיינעם קיין סוד ניט געוועזען. היינטיגען יאָהר איז שוין אַלעס געגאַנגען כשירה, די סאַניטאַריום קאָמיטע האָט זיך שוין געקענט פערגינען אוועקצוגעבען דעם סאַניטאריום טאָג פאר'ן רעליעף, און באמת'ן, וואס פעהלט איהר? האָט זי געוואָלט נאָך אַ ניקעל, האָט זי עס געקראָגען, און טאַקי תוך כדי דיבור נאָך 4 סענט האָט מען איהר געגעבען. פערגלוסט זיך איהר א עקס־רעי מאַשין, גיט מען איהר; זאָגען זיי אז מען מוז האָבען פאר'ן דאָקטאָר אַ קאַטעדזש וואו צו וואָהנען, אז ניט נעהמט ער דעם פעקעל און געהט, און ס'איז א שאָד צו פערלירען אַ גוטען מענשען, טאָ נאַט אייך אַ קאַטעדזש. איז וואס־זשע לאָזט זיך אוים? דעם קאַטעדזש דארף מען אָנהויבען בויען ערשט אַרום פריהלינג, און דערווייל איז דער דאָקטאָר, דער גוטער מענש שוין פערלוירען געווארען...

ניט ווענינער נחת האָבען זיי פון „טשיקען־פארס". הברח האָבען זיך מיַשב געווען און אויפגעהערט לעגען אייער, און די וואס לעגען, האָבען זיך טאַקי געלעגט אויף צו אמת'ן, רחמנא ליצלן...

איז ווי איהר זעהט, האָט שוין אונזער סאניטאריום קאָמיטע אפילו היינטיגען יאָהר אונטער אַלע בעסטע אומשטענדען.

---

וועט מען ווירקליך דארפען האָבען פּראָפעסיאָנעלע בוק־קיפּערס צו פיהרען די אַרבייט אין די בראַנטשעס, ווי מאַנכע האָבען זיך דאָס פאָרגעשטעלט? מיר גלויבען ניט, אז דאָס זאָל זיין דער פאַל. עטוואס מעהר ארבייט וועט יאָ זיין פאר די סעקרעטערע, אָבער דיזע ארבייט איז ניט פערבונדען מיט ספּעציעלע שוועריגקייטען. דער אָפּיס האָט געטהאָן אַלעס, וואס עס איז געווען מעגליך צו מאַכען די בילס אַזוי לייכט און פערשטענדליך ווי מעגליך. דער איינציגער אונטערשיעד וועט יעצט זיין דער פאָלגענדער: אנשטאט צו טשאַרדזשען צ. ב. ש. אלע מעמבערס פון קלאַס 1 מיט אן איינהייטליכע סומע, וועט דער סעקרעטער דארפען נאָכקוקען אין לעדזשער זייערע יאָהרען, ווען זיי זיינען אריינגעטראָטען אין ארב. רינג און יעדען טשאַרדזשען מיט א בעזונדער סומע, לויט זייערע יאָהרען. דאָס זעלבע מיט קלאַס 2 און קלאַס 4. אַלע אַנדערע זאכען בלייבען ווי געוועזן. די איינצאָהלונג פון 1 פּראָצענט פאר נייע מעמבערס, דער לימיט פון 18 און 40 יאָהר פאר נייע מעמבערס און אַנדערעס בלייבט אַלעס אין קראַפט, ביז א קאָנווענשאָן און א רעפערענדום וועלען דיזע זאכען ניט ענדערען. די סעקרעטערע זיינען געבעטען צו נעהמען אין אנבעטראַכט דיזע בעמערקונגען און וועלען פערשפּאָרען פערווארפען דעם אָפּיס מיט לעטערס וועגען דעם.

אויף גענוג גרונד צו קענען זיך בעקלאָגען אז איהרע פראגען מוזען אויך בעטראכט ווערען אלס „אָנגעוועהטאָגטע“.

האלטען מיר, הייסט עס, ערשט יעצט ביי דער, אָרגאַניזאציאָנס קאָמיטע? איז דאָך די קשיא פאר וואס האָבען מיר גענומען א קאָמיטע וואס איז פון די סאמע ערשטע, און איהר אוועקגעשטעלט כמעט פון די לעצטע? זיינען אבער פאראן אויף דעם צוויי תירוצים: ערשטענס, איז ביי אונז שוין אַזאַ מנהג, אַז ניט אַלע וואָס פעררדיענען דעם אויבען־אָן קריגען דאָס... און צווייטענס, האָבען מיר זיך אקאָדשט דערוואוסט, אז דיזע קאָמיטע קען אויך אריינגערעכענט ווערען אין דעם רובריק פון די „אָנגעוועהטאָגטע“. מיט וואס, פרעגט איהר? אַי זייט איהר דאָך, במחילה, נאָך גאָר גרינע. איהר ווייסט דען ניט אז דער קאָנווענשאָן רוקט זיך באַלד אונטער, און אהין מוז מען קומען מיט אַ צו־וואוקס? און אויב ניט מיט קיין צו־וואוקס, איז כאָטש ניט מיט קיין פערלוסט. און צום אונגליק איז די לאגע אין לאנד אזעלכע אז מען קען בלויז ערווארטען עס זאָל וואקסען — דער יקרות אבער, ניט די מעמבערשיפּ.

און היינט וואס איז מכה דער „שטרייך מגפה“, וואס בעלאנגט אויסשליסליך צו דיזער קאָמיטע? און דאָס קענט איהר ביי איהר בשום אופן ניט צונעהמען ווייל דאָס איז אן אַלטער אנטיקעל, א ירושה זאַך, וואס געהט איבער פון איין קאָמיטע צו דער אַנדערער עד סוף כל הדורות, און נור זי אליין איז די איינציגע אויטאָריזירטע קאָמיטע וואס דארף זיך מיט דעם ספּראווען.

ס'איז זיי אָסור דאָ מיט וואס מקנא צו זיין.

זעהט איהר, אויב ס'איז יא דאָ וועמען מקנא צו זיין, איז דאָס זיכער דער גריוועגס קאָמיטע. זיי איז וואויל ווי דער טאָג, זיי דארפען ניט קיין צו־וואוקס און האָבען ניט קיין מורא פאר פערלוסטען, האָבען ניט, ניט קיין בודזשעט, ניט קיין סוירפּלוס און ניט קיין דעפּיציט, — מאַכט זיך אמאָהל אז עס פאַלט אריין צו זיי עטליכע „קייסעס“ אַפּיעלס, גריוועגסעס, קלאַגעס א. ז. וו., איז מה טוב, אלא ניט, קענען זיי אויסלעבען זייערע יאָהרען אָהן די אלע זאכען אויך...

און אז מיר רעדען שוין יא וועמען מען מעג מקנא זיין און וועמען ניט, איז כדאי צו דערמאָנען די אָפּיס קאָמיטע אויך. א קליינינגקייט, א קאָמיטע וואס איז פערנומען מיט אזעלכע טרענזעקשאָנס ווי באָנדס, סעקיוריטיס, לייעביליטיס, רעביטס און קרעדיטס, האָט מען געמעגט מקנא זיין. האָט זיך אָבער אריינגעמישט די נור וואס אויסגעהיילטע „אָנגעוועהטאָגטע“ פּראטוירנאל רייטס פראגע און האָט אָנגעמאכט א גאנצע רעוואָלוציע אין דער אָפּיס קאָמיטע אויך. א נייער סיסטעם, מען דארף נייע ביכער, נייע לעדזשערס, נייע רייט קאַרדס, מעהר קלוירקס, ס'פאָדערט זיך אַ סך אַרבייט, און די אָפּיס קאָמיטע איז מיט אַמאָל אויך געווארען אן „אָנגעוועהטאָגטע“ און ביי זיי וועט דאָס „אָנגעוועהטאָגטע“, זאָגען זיי, ניט אזוי גלאַט אבלויפען. ביי זיי איז דאָס א פ ר אַ ג ע פ ו ן י אָ ה ר ע ן, — זיי מיינען די יאָהרען פון די מעמבערס, וועלכע דארפען גרופּירט ווערען אויף די מעמבערשיפּ קאַרדס.

אַבי מיר האָבען געמיינט אז פּראטוירנאל רייטס איז געווען אן אָנגעוועהטאָגטע פראגע בלויז פאר די מעמבערס...

# די אויסברענגעריי פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג

פון ד. שטאַרק.

דער מענשליכער קאמפּף פאר „פרייהייט“ האָט זיך אָנגעפאַנגען אין יענע גאָר אוראלטע צייטען, ווען מענשען האָבען זיך אָנגעהויבען בענוצען איינער מיט דעם אַנדערנ'ס הילף אין זייער אַרבייט; ווען מענשען האָבען זיך פרייוויליג אָבגעזאָגט פון דער ברכה צו זיין „פריי ווי אַ פויגעל אין הימעל אָדער ווי א חיה אויף דער ערד“, און אויף זיך גענומען פליכטען בנוגע צו זייערע נאָהענטסטע; און כל־זמן מענשען וועלען מוזען אַרבייטען צוזאמען אום צו שאַפען און פארטהיילען זייערע לעבענסמיטלען, וועט זיך דער קאמפּף פאר „פרייהייט“ ניט ענדיגען, עס איז קיין אונטערשיעד אונטער וואָס פאר אַ סאָרט אָרדנונג די געמיינשאַפטליכע אַרבייט זאָל ניט ווערען אָנגעפיהרט: קאַפּיטאַליסטישער, סאָציאַליסטישער און אַפּילו אַנאַרכיסטישער...

דער בעגריף „פרייהייט“ האָט קיינמאָל ניט געמיינט איינס און דאָס זעלבע פאר אַלע מענשען אָדער אַלע צייטען. עס איז דאָ זעהר אַ וויכטיגער אונטערשיעד צווישען דעם בעגריף ווענען פרייהייט פון דעם לייבקנעכט, וועלכער חלומט פון אַרויסדרעהען זיך פון זיין האַר'ס קאַנטשיק, און דעם בעגריף וועגען דער זעלבער זאַך פון אן אַמעריקאנער אייזענבאהן באַלעבאָס, ווען ער פאָדערט אין דעם נאָמען פון אונזערע פרייע אינסטיטוציעס דאָס רעכט צו רעכענען דעם עולם, וואָס מוז זיך בענוצען מיט זיין אייגענטהום אזעלכע פרייזען, וואָס זיינען בעקוועמער פאַר איהם זעלבסט; אָדער פון דעם פאַבריקאַנט, וועלכער שרייט געוואַלדען, אַז מען בערויבט מענשען פון זייער פרייהייט, ווען מען פּרובירט איהם פּאַרוועהרען צו פערמוטשען קליינע קינדערלאַך אויף זיין פאַבריק.

אין די פערהעלטניסע צווישען דעם יחיד, דעם איינצעלנעם מענשען, און דער אָרגאַניזירטער געזעלשאַפט, בעמערקט זיך אַ זעהר מערקווירדיגע ענטוויקלונג פון דעם בעגריף „פרייהייט“. די פרייהייט וועגען וועלכער מיר טרוימען יעצט איז כמעט אינגאַנצען אַנדערש פון יענע פרייהייטען, וועגען וועלכע מענשען האָבען געטראַכט און גערעדט מיט אַ פאָר טויזענד יאָהר צוריק.

דעם אמת גערעדט, איז כמעט דאָס זעלבע פאַרגעקומען מיט אַלע אונזערע אַבסטראַקטע בעגריפען, ד. ה. מיט די נעמען, וועלכע מיר גיבען ניט צו ממשות'דיגע זאַכען, וואָס מיר קענען זעהן און אָנטאַפּען, נור צו די כחות וועלכע בעוועגען דאָס לעבען און רעגולירען אונזערע פערהעלטניסע. אפּילו דער רבונו של עולם זעלבסט האָט גאָר אן אַנדער פּנים בעקומען אין אונזער געדאַנקען נאָכדעם ווי ער האָט זיך אָבגעמוטשעט מיט אונז אין גלות אַ פאָר טויזענד יאָהר...

די ערשטע קעמפּפע פאַר פרייהייט האָבען זיך אויסגעדריקט אין דער פאָדערונג פון דעם פערשקלאַפּטען יחיד צו מאַכען דעם מענשען קערפּערליך פריי פון צוואַנג אלס דאָס אייגענטהום פון דער מלוכה אָדער איהרע הערשענדע קלאַסען. זינט די אינטע־

דעסען פון קאפיטאליזם זיינען געווארען דער הערשענדער פרינציפּ פון דער מאכט אויף דער וועלט, האט דער בעגריעף פון „פרייהייט“ צו־ביסלאך בעקומען שוין כמעט א גאנץ אנדער אינהאלט. עס האט געהייסען, אז פרייהייט מיינט, אז די מלוכה האט ניט נור ניט קיין רעכט וועמען עס איז צו צווינגען עטוואס צו טהון, נאר אויך, אז זי האט קיין רעכט בכלל צו בעגרענעצען די טהעטיגקייטען פון דעם יחיד, זאגען א דעה דעם איינצעלנעם בירגער, אז געוויסע זאכען זאל ער נ י ט טהון. מיט דער שטארקער פערשפרייטונג פון סאציאליסטישע אידעען דורך דעם וואס עס האבען זיך ענטוויקעלט סאציאליסטישע פארמען פון מענשליכען צוזאמענלעבען, הויבען מיר אן צו פערשטעהן אונטער דעם בעגריעף פרייהייט עטוואס פיעל מעהר און פיעל וויכטיגער פון די צוויי אויבענדערמאהנטע פאדערונגען.

דער מאדערנער ארבייטער קען ניט ווערען שטארק בעגייסטערט פון דעם וואס מען ערלויבט איהם צו לעבען אין א הפקר וועלט ווי א זאך, וואס איז הפקר און קען מיט זיך טהאן וואס עס וויל. ער שטעלט זיך ניט צופריעדען מיט'ן צונעמען פון דער מלוכה געוויסע רעכטע איבער זיך. ער דענקט, אז די מלוכה דארף אויף זיך נעמען וויכטיגע פליכטען, וועלכע עס ווערט אלץ שווערער און שווערער פאר דעם יחיד צו טראגען אויף זיך. ער פאדערט, אז די מלוכה זאל איהם אין גאנצען בעפרייען פון זיין שטענדיגער הכבדה און זארג ווי צו פערזיכערען זיך און זיין פאמיליע מיט די נויטיגע מיטלען צום לעבען. מיר הויבען אן אלץ שטארקער און שטארקער צו פאדערען פון דער געזעלשאפט, אז זי זאל ארגאניזירען די מענשליכע ארבייט אזוי, אז, ערשטענס, זאל יעדער איינער פון אונז אין אלע צייטען האבען די פולע מעגליכקייט אויסצונוצען זיין ארבייטסקראפט און דערמיט שטענדיג זיכער זיין מיט די נויטיגע לעבענסמיטלען און, חוץ דעם, פאדערען מיר, אז די צייט, וועלכע מיר גיבען דער געזעלשאפט, זאל גיט פערברויכט ווערען אויף נוצלאזע ארבייט, אויף צו שאפען אזוינע זאכען, וועלכע האבען בעצם פאר אונז קיין ווערטה גיט, ברענגען קיינע נוצען, אדער וועלכע זיינען גאר שעדליך פאר אונז; איבער אלעם זיינען מיר פעראינטערעסירט, אז אונזער ארבייט זאל אזוי אויסגענוצט ווערען, אז זי זאל ברענגען די מעגליך בעסטע און גרעסטע רעזולטאטען. מיר פאדערען, אז דער חלק פון אונזער לעבען, וואס מיר מוזען אבגעבען דער געזעלשאפט פאר ארבייט אום צו שאפען אלץ אין וואס מיר נויטיגען זיך, זאל זיין אזוי קליין ווי מעגליך, כדי מיר זאלען האבען מעהר פרייע צייט (פרייהייט) פאר רוה, פאר שפיעל און פערשיעדענע מענשליכע פערגעניגענס. עס פערשטעהט זיך, אז עס איז קיינעמס עסק צי די דאזיגע פערגעניגענס דריקען זיך אויס אין קוויקען זיך מיט טשארלי טשאפלין, שפיעלען בייס־באל, שרייבען פאעזיע, מאכען כעמישע עקספערימענטען אדער גאר זיך קיבעצען אין א בריוועל צום הערד רעדאקטאר.

די שטארקסטע און די וויכטיגסטע טענה וואס מיר האבען געגען דער קאפיטאליסטישער קאנקורענץ־ארדנונג איז, אז עס איז פאר איהר אונמעגליך אויסצונוצען די מענשליכע ארבייטס־כחות ראציאנאל, אויף דעם אופן, וואס אונזער שכל הייטר ווייזט אונז אן אלס דעם בעסטען; אז אונטער דער קאפיטאליסטישער פיהרערשאפט געהן מעהר מענשליכע כחות אוועק אין ניוועץ ווי עס ווערען פערברויכט פאר די ווירקליכע נויטהען פון דער מענשליכער משפחה.

פערשיעדענע געלעהרטע פון אונזער דור האבען זיך גענומען די מיה אויסצורעכענען ווי פיעל צייט וואלט יעדער מענש אין דורכשניט געדארפט ארבייטען, כדי צו בעזארגען אלעמען מיט אלץ וואס איז נויטיג אין לעבען, ווען די געזעלשאפט וואלט זיך ראציאנאל בענוצען מיט אונזערע שאפונגס־מיטלען ווי זיי עקזיסטירען יעצט. אפילו די פארזיכטיגסטע פון די געלעהרטע זיינען געקומען צום שלוס, אז פיער (4) שטונדען א טאג ארבייט וואלט געווען גענוג כדי ניט נור מיר אלע זאלען זיין בעזארגט מיט גוטע און גענוג שפייז, שעהנע וואהנונגען, קליידער נאך דער לעצטער מאדע און מיט אלע אנדערע נויטיגע מענשליכע בעדערפנישען, נור אז מיר קענען אויך פאר דער צייט שאפען פאר אלעמען גאר א סך לוקסוס־זאכען. אנדערע געלעהרטע מאבען דעם חשבון נאך שעהנער און דורך דעם פערדראסיגער... זיי פערזיכערען, אז ביי יעצטיגען צושטאנד פון אונזער טעכניק, — דער קונסט פון ארבייט, — זיינען צוויי שטונדען ארבייט א טאג איבערגענוג פאר אלע צוועקען!

צו עס וועט נויטיג זיין פיער שטונדען ארבייט א טאג, צו נאר צוויי, — איינס איז קלאהר, אז ווען די גאנצע געזעלשאפט זאל צוועקמעסיג קאנטראלירען אלע אונזערע פראדוקציאנס־כחות, אנשטאט עס איבערצולאזען צו די איינצעלנע קאפיטאליסטישע אונטערנעהמער, וועלכע האבען, נאטירליך, קיינע אנדערע אינטערעסען ניט אין זינען חוץ זייערע אייגענע, וואלטען מיר ניט נור געהאט וועניגער דאגות וועגען אונזערע לעבענסמיטלען, נור מיר וואלטען אויך פיעל וועניגער צייט געמוזט אבגעבען כדי דיעזע מיטלען צו שאפען, ווי מיר טהוען עס יעצט, און אזוי ווי די מענשליכע טעכניק הערט קיינמאל ניט אויף צו ענטוויקלען זיך, נייע ערפינדונגען קומען צו טעגליך, איז זיכער, אז דער קאמפף פאר פרייהייט וועט קיינמאל ניט אויפהערען: אין א סאציאליסטישער געזעלשאפט וועט ער זיך אויסדריקען אין א שטענדיגער שטרעבונג צו פערקירצען די צייט וואס דער יחיד, דער איינצעלנער מענש מוז אבגעבען דער געזעלשאפט פאר בעזארגען איהם מיט אלע זיינע בעדערפנישע, וועלכע פון זייער צד האלטען זיך אין שטענדיגען ענטוויקלען און וואקסען.

אייגענטליך דארף מען ניט זיין קיין גרויסער געלעהרטער אדער א געאיבטער סטאטיסטיקער אום צו קענען בעמערקען דעם שרעקליכען ניוועץ פון מענשליכער ארבייט, מענשליכער צייט און פאלגליך, מענשליכען לעבען, וואס עס קומט פאר אלס דירעקטער רעזולטאט פון אונזערע יעצטיגע קאפיטאליסטישע פיהרונגען. ווען מיר זעהן ווי נאריש און פערשווענדעריש עס פיהרט די וועלט דער הערשענדער קלאס אין די קלענערע, איינפאכערע און ניט גאר וויכטיגע איינריכטונגען, קענען מיר זיך גאנץ לייכט פארשטעלען וואס פאר א געפאהר פאר דער מענשהייט די דאזיגע פיהרערשאפט שטעלט מיט זיך פאר אין די וויכטיגערע צווייגען פון מענשליכער טהעטיגקייט. און יעדער איינער וואס פוילט זיך נאר ניט עטוואס צו פערטראכטען זיך וועגען דעם, קען גאנץ לייכט געפינען שפורען פון קאפיטאליסטישער פערשווענדעריי ביי זיך אין דער היים. קוקט זיך צו, למשל, ווי אזוי עס איז ארגאניזירט ניט דאס שאפען, נור בלויז דאס צושיקען צו אונז אהיים פון די נויטיגסטע לעבענסמיטלען.

צו א סך, צו וועניג, מיר אלע ברויכען ברויט, מילך, פלייש, צוקער און דאס גלייכען. די מעהרסטע פון אונז האבען קיינמאל ניט געהאט די געלעגנהייט צוצוקען זיך נאהענט ווי די אלע זאכען ווערען פראדוצירט און קענען דערפאר ניט וויסען וועגען דעם ניוועץ פון מענשליכע ארבייט וואס עס קומט דערביי פאר.

מיר אלע זיינען אָבער גוט בעקאנט מיט די מעטאָדען ווי די אלע זאכען ווערען צוגעשטעלט צו אונז אהיים. וועמען פון אונז איז אין אונזערע יונגערע יאָהרען ניט אויסגעקומען זיך צו בעגעגנען מיט די צעהנדליגע מילך וועגעלעך ווען מיר פלעגען זיך פערשפּעטיגען קומען אהיים?...

אין יעדער שטאָדט זיינען פאראַן הונדערטע פערשיעדענע בעקעריי'ען, אָהן א שיעור מילך געשעפטען; יעדע איינציגע בעלאַנגענדיג צו א בעזונדער באַלעבאָס יעדע איינע פון די בעקערייען און מילך געשעפטען האָבען זיך זייערע בעזונדערע פערד־און־וואָגענס, צושיקס־לייטע, קענוועסערס און, נאַטירליך, קאָסטאָמער (קונדען). יעדער איינציגער בעקער און מילך מאַן האָט זיינע קונדען צוואוואָרפען איבער אַלע עקען שטאָדט, אזוי אַז עס איז גאָר ניט קיין זעלטענהייט צו זעהן אין א הויז צעהן שכנות, יעדע איינציגע פון וועלכע האָט זיך איהר בעזונדערע מילך־מאַן, ברויט־מאַן א. אַז. וו., מיט דעם רעזולטאַט, אַז צעהנדליגע מילכלייטע און ברויטלייטע שטעלען צו יעדען טאָג ברויט און מילך אין דער זעלבער צייט און אין דער זעלבער הויז! וואָס איז, דוכט זיך, איינפאַכער ווי צוצושיקען די אַלע זאַכען פון איין און דעמזעלבען פלאַץ, דורך איין פערד און איין מאַן צו אַלע שכנים פון א געוויסען קווארטאַל? די באַלעבאָסטעס וואָלטען דורך דעם ניט געדאַרפט פערליערען זייערע פריווילעגיען איבערצוריהרען די געבעקס און אויסקלייבען ווי פיעל זיי ווילען פון די בולקעלעך, וואָס דער "מיסטער" גלייכט אמבעסטען.

שטעלט זיך פאָר, אַז מען זאָל מיט אמאָל איינפיהרען אין אזעלכע שטעדט ווי ניו יאָרק, שיקאַגאָ, פילאַדעלפיא א. ד. ג. די סיסטעם פון פארטהיילען וואַסער צווישען דער בעפעלקערונג, וועלכע מיר געדענקען נאָך פון די רוסישע שטעדטלאַך — דעם וואָדאָוואָז מיט זיין פעסעל (וואַסערפיהרער). נאָך דעם ווי מיר זיינען צוגעוואָהנט געוואָרען יאָהרענלאַנג צו בעקומען אונזער נויטיגע וואַסער אין הויז ניט קימערענדיג זיך וועגען דעם פון וואַנען זי קומט און ווער איז דאָרט דער באַלעבאָס איבער איהר, זאָל מען אונז מיט א מאָל הייסען צו בעשטעלען וואַסער ביי א וואַסער־פיהרער, וואָלטען מיר געהאַט פולע רעכט צו דענקען, אַז די וועלט איז עפּעס־ניט־מיט־אַלעמען.

פּרובירט אַקאָרשט א חשבון טהאָן ווי פיעל מילכלייטע, ברויטלייטע, גראָסערי־לייטע און הונדערטע פערשיעדענע אַנדערע לייטע וואָלטען זיך געקענט גאַנץ אָפּט אויסרוהען אין העריים ווען, אנשטאָט צו צושטעלען טויזענד קוואָרט מילך, אָדער לעבלעך ברויט, א טאָג אויף צוואַנציג פערשיעדענע גאַסען און אויף יעדער גאַס אין פופציג פערשיעדענע טענעמענט הייזער, זאָלען זיי די זעלבע צאָהל מילך אָדער ברויט צושטעלען צו טויזענד נאָהענטסטע שכנים אין דער זעלבער אָדער ביילִיגענדע גאַסען? עס איז ביי מיר׳קיין ספק ניטאָ, אַז, ווען די בעלי־בתים זאָלען געבען א פרייע האַנד זייערע פערשיעדענע צושיקס־לייטע, אַז זיי זאָלען צווישען זיך זעלבסט אויסטהיילען זייער גאַנצע ארבייט פאַרגעסענדיג אויף די קאָנקורענץ־אינטערעסען פון די בעלי־בתים, וואָלטען זיי גאַנץ לייכט געקענט פאַרקירצען זייער דורכשניטליכע אַרבייטס־צייט אויף העלפט און דערביי אויך צונעמען ביי די באַלעבאָסטעס די געלעגענהייט צו שילטען די פערשיעדענע "לייטע" פאַר פארשפּעטיגען זיך. עס גלויבט זיך אָבער ניט, אַז אזאַ "אוננאָרמאַלע" לאַגע זאָל לאַנג קענען אָנהאַלטען. ניט די בעלי בתים, ניט די איבדיגע אַרבייטער וועלען דולדען, אַז די "דרייווערס" זאָלען ווערען מיותּסים און אַרבייטען נור 4-5 שטונדען א טאָג פאַר אַן ארבייטער׳ס געוועהנליכע שכירות אין דער צייט ווען אַלע איבריגע אַרכייטער בלייבען אַרבייטען 8-10 שטונדען א טאָג, כאָטש על פּי יושר האָבען די דרייווערס כשר פערדיענט זייער רוה צייט; זיי טהוען דאָך אויף ניט ווייניגער ניצליכע אַרבייט — נור צו מיר וועלען בעהאַנדלען ישר׳דיג די לייטע צי ניט, — דער עצם געדאַנק וואָס מיר ווילען אויסבריינגען בלייבט גאַנץ בעשיינפּערליך; אין דיעזען קליינעם ווינקעלע פון קאַפּיטאַליסטישע טהעטיגקייט ווערט יעצט פיעל מענשליכע אַרבייט "ארויסגעוואָרפען אין ניוועיז", און אַז ביי א בעסערע אָרדנונג, — למשל, אזוי ווי מיר האָבען אין בריעף־צושטעלונג — וואָלטען אָדער די דרייווערס געאַרבייט העלפט צייט, פאַרדינענדיג ניט ווייניגער ווי יעצט, אָדער א העלפט פון די טויזענדער מענשען, וועלכע זייגען יעצט בעשעפטיגט אַלס צושיקס־לייטע אין בעקערייען, מילך־געשעפטען, דעפּאַרטמענט־סטאָרס א. ד. ג. וואָלטען געקענט בענוצט ווערען אויף אַנדערע נויטיגע אַרבייט, וועלכע די געזעלשאַפט מוז האָבען: גראָבען קויהלען, ראַפינירען צוקער אָדער בויען נייע שיפען.

היינטיגע צייטען, ווען אַלע צייטונגען שרייבען, אַז עס איז גאָר א געוואַלדיגער מאַנגעל אין "הענט" אין אונזער מדינה, קוקט עס אויס אויב ניט פערברעכעריש, טאָ פּשוט משוגע, וואָס ניט "דאָס פאָלק" און ניט די רעגיערונג טראַכטען זאָגאַר וועגען אַנווענדען אזוינע איינפאַכע מיטלען אום איינצושפּאָרען די נויטיגע "הענט". נור זייט זיכער, אַז יעדער צד וויים קלאָהר זיינע אינטערעסען. די הייליגע סיסטעם פון איביגע קאָנקורענץ פאָדערט, אַז יעדער דרייווער זאָל אַכטונג געבען נור אויף די קאָסטאָמער פון זיין בעזונדער באַלעבאָס, ניט קימערענדיג זיך וועגען איינשפּאָרען צייט פאַר דער "געזעלשאַפט". די צושיקס־לייטע זעלבסט ווייסען, אַז זיי ווערען בעצאָהלט ניט פאַר די נוצען וואָס זיי בריינגען דער געזעלשאַפט, נור פאַר זייער געטרייע דיענסט צום באַלעבאָס, וועלכער צאָהלט זיי נאָך דעם רעכנונג פון די שטונדען וואָס זיי אַרבייטען פאַר איהם טעגליך, און וועניגער פון אַלץ קימערט זיי צו זייער צייט ווערט פון דעם באַלעבאָס אויסגענוצט אויף דעם ראַציאָנאַלסטען אָדער מישוגע׳סטען אופן. זיי זיינען אין יעצטיגען מאָמענט פאראינטערעסירט, אַז זיי זאָלען האָבען וואָס מעהר אַרבייט, ניט וואָס ווענינער...

דאָס איז איינער פון די פיעלע ביישפּיעלע פון קאַפּיטאַליסטישע אויסברייגגערייע פון מענשליכע אַרבייט און לעבענס, וואָס יעדער איינער פון אונז קען עס לייכט באַמערקען.

יעדען טאָג זעהען מיר אין אזאַ שטאָדט ווי ניו יאָרק — און אין פיעלע אַנדערע שטעדט — צעהנדליגע טויזענדע מענשען פערליערען טאָג־טעגליך גאַנצע שטונדען פאָהרנדיג צו און פון דער אַרבייט. די פאַבריקען געפינען זיך אין אַזוינע געגענדען, וואו פאַר אַרבייטער איז אונמעגליך צו וואוינען. פיעלע יאָהרען פון מענשליכע לעבענס לויפען פערביי היינגענדיג אויף די רימענס פון די שטאָדט־באַהנען. הונדערטער טויזענדער מענשען נעמען טעגליך אַנטהייל אין דער אונבאַרעמהערציגער, זינלאָזער פערשווענדעריי פון זייערע אייגענע לעבענס. צוליעב וועמען? צוליעב וואָס? — קיינער איז אין דיעזער פערשווענדעריי בעצם ניט פעראינטערעסירט, חוץ דער מענשענפרעסערישער, זינלאָזער "סיסטעם" פון איביגער קאָנקורענץ צוליעב פּראָפּיטען.

ווען מיר פּרובירען נעהנטער צו שטודירען די פיהרונגען פון דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט אין אלגעמיין, געפינען מיר

דיזעלבע און נאָך פיעל גרעסערע און שרעקליכערע אויסברויינגעריי פון מענשליכע ארבייט און לעבען כמעט אין אלע צווייגען פון מענשליכער טעטיגקייט, וועלכע זיינען אָרגאַניזירט אויף אַ קאַפּיטאַליסטישען באזיס.

די דאָזיגע אויסברויינגעריי דריקט זיך אויס אין גאָר פיעלע פערשיעדענע פאָרמען. עס איז, זעלבסטפערשטענדליך, אונמעגליך גענוי אויסצורעכענען די געווינסען וואָס די מענשהייט וואָלט געהאַט דורך אַ סיסטעמאַטישע געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזירונג פון אונזער אינדוסטריעלער טהעטיגקייט. עס איז אונמעגליך פאראויסצוזעהן אלע מעגליכע מיטלען ווי איינצושפּאָרען ארבייט. טאָג-טעגליך ווערען ערפונדען ארבייט-שפּאָרענדע מאַשינעריי און סיסטעמען. ווי אָפּטימיסטיש אונזערע אויסרעכענונגען זאָלען ניט זיין, קענען זיי דעריבער זיכער ניט זיין אָפּטימיסטיש גענוג.

לעבענדיג אין אַ וועלט וואו מיליאָנען מענשען האָבען ניט גענוג שפּייז צו עסען, צו קליידען זיך און האָבען ניט קיין מענשליך-אנשטענדיגע וואָהנונגען; זעהענדיג אין דער זעלבער צייט ווי פיעל מענשליכע ארבייט געהט נוצלאָז פערלאָרען; ווי פיעל מענשליכע בחות עס ווערען פערברויכט אויף צו שאַפען שעדליכע זאכען און פערשיעדענע בלי-משחית; וויפיעל מענשליכע כחות בלייבען שטענדיג ליידיג און ניט אויסגענוצט אונטער דער קאַפּיטאַליסטישער פיהרערשאַפט; בעטראַכטענדיג ווי גליקליך די מענשהייט וואָלט געקענט לעבען אויף דער וועלט ווען די אלע בחות זאָלען ווערען עהרליך און מיט שכל אויסגענוצט, — רייסט זיך ניט ווילענדיג אַ קללה ארויס פון הארצען, באטש אייגענטליך פיהלסטו גאנץ קלאָר, אַז די קללה קען קיינעם ניט טרעפען, פּשוט דערפאר וואָס עס איז ניטאָ דער יעניגער וואָס איז אין דעם צושטאַנד אין גאנצען שולדיג. נור אויב די קללה ווערט אָהן אַן אָבקלאַנג פערשוואונדען בלייבט אָבער דער וועהטאָג פאר די מענשליכע ליידען וואָס דיזע געדאנקען רופען אין אונז ארויס אַ גאנץ לאַנגע צייט מיט אונז. אַט דער וועהטאָג בעוועגט אונז ביי יעדער גינסטיגער געלעגענהייט צו העלפען דערנעהענטערען די צייט ווען די ליידענדע וועלט וועט פּטור ווערען פון דער פערשווענדערישער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג.

אַ בעקאַנטער אַמעריקאַנער שרייבער, א. מ. סיימאָנס, האָט מיט עטליכע יאָהר צוריק געמאַכט אַ פּראָבע אונטערצופיהרען אַ סך-הכל פון דער קאַפּיטאַליסטישער אויסברויינגעריי פון מענשליכען לעבען אין די פעראייניגטע שטאַטען. מר. סיימאָנס מיינט, אַז ווען מען זאָל געהעריג אויסנוצען די מענשליכע כחות וואָס געהן פערלאָרען אין נוצלאָזע אָדער שעדליכע ארבייט, וואָס ווערען פערשווענדעט דורך זינלאָזע קאַפּיטאַליסטישע פיהרונגען, וואָלט אַט דער ניוועץ אליין גענוג געווען אויף צו בעזאָרגען דאָס גאנצע לאַנד מיט אלעם אין וואָס עס נויטיגט זיך.

פאָלגענדע זיינען איינינע ביישפּיעלע פון די רעכענונגען וואָס דער הער סיימאָנס מאַכט צו בעווייזען די ריכטיגקייט פון זיין סך-הכל.

פערלוסטען דורך שלעכטע מאַשינערי.

שלעכטע מאַשינערי אָדער געצייג מיינט ניט דוקא אלטע אָדער צובראָכענע. ווען איינער בענוצט זיך מיט אַ גאנץ גוטע, נייע האַנדזעג צו שניידען מיט איהר האָלץ דאָרט, וואו מען קען געברויכען אַן עלעקטריש-געטריבענע זעג, מיט וועלכע מען קען אויפטהון פיעל מאָל מעהר ארבייט ווי מיט דער האַנדזעג, האָבען מיר דאָס רעכט צו דענקען, אַז אין דיזען פאַל ווערט בענוצט שלעכטע, די ניט ריכטיגע געצייג, און אַ גרויסע טהייל פון דעם ארבייטער'ס ענערגיע געהט אוועק אין ניוועץ, ד. ה. די געזעלשאַפט, וועלכע זאָרגט דאַפיר, אַז דער ארבייטער זאָל זיין בעזאָרגט מיט זיינע לעבענסמיטלען פאר זיין ארבייט, קריגט פון איהם ניט ארויס די פולע נוצען וואָס וואָלט מעגליך געווען נור דאַן, ווען ער זאָל ארבייטען מיט די בעסטע, ווירקזאַמסטע געצייג.

אין דעם יאָהר 1910 זיינען געווען אין די פעראייניגטע שטאַטען צוויי מיליאָן ארבייטער, וועלכע זיינען געווען בעשעפטיגט אין גרויסע פאבריקען, וואָס יעדע איינציגע פון זיי שאַפט יעהרליך מעהר ווי פאר אַ מיליאָן דאָלאַר פּראָדוקטען. דורכשניטליך האָט יעדער איינער פון די צוויי מיליאָן ארבייטער געשאַפען פאר פיער און אַ האַלב טויזענד דאָלאַר ($4,491) פּראָדוקטען. עס זיינען אָבער אין דער זעלבער צייט געווען אין לאַנד איבער דריי און ניינציג טויזענד קליינע שאַפּקעלאַך, וואו דער פּראָדוקט פון יעדען ארבייטער האָט דורכשניטליך בעטראָפען נור 1,561 דאָלאַר, ד. ה. במעט נור אַ דריט-חלק פון דעם דורכשניטליכען אויפטהו פון די ארבייטער אין די גרויסע פאבריקען, וואו מען בענוצט זיך געוועהנליך מיט די בעסטע און נייעסטע מאַשינעריי און ארבייטס-מעטאָדען.

פיער מיליאָן מיט זעקס הונדערט טויזענד ארבייטער זיינען יענעם יאָהר געווען בעשעפטיגט אין די פעראייניגטע שטאַטען אין די קלענערע פאבריקען, וועמעס פּראָדוקציאָן איז ווענינער ווי אַ מיליאָן דאָלאַר יעהרליך. ווען מען זאָל יענעם יאָהר געווען אויסנוצען די ארבייטסקראַפט פון דער דאָזיגער גרויסער מחנה ארבייטער אין די גרעסערע און בעסער איינגעריכטעטע פאבריקען, וואָלטען זיי געווען געשאַפען צום ווענינגסטען פאר דריי ביליאָן דאָלאַר מעהר וואַארעס, אָדער מיט 30 דאָלאַר מעהר אויף יעדען מענשליכען נפש אין לאַנד.

פאַבריקען שטעהען ליידיג.

צי די פאבריקען זיינען גוט אָדער שלעכט איינגעאָרדענט, ברייגגען זיי דאָך פיעל-וויניג נוצען דער געזעלשאַפט, ווען מען ארבייט אין זיי. אין דער צייט פון דעם קריזיס אין יאָהר 1907 האָבען נור פערציג פּראָצענט, ד. ה. נאָר פיער פון יעדע צעהן, פון די פאבריקען אין לאַנד געארבייט. אין דעם יאָהר 1910, ווען די צייטען זיינען געווען „גוטע", זיינען 25 פּראָצענט פון די מאַשינעריי און פאבריקען אין לאַנד געשטאַנען אָהן געברויך; דאָס מיינט אַז דאָס לאַנד האָט פארלאָרען דורך דעם יאָהר נאָך פינף טויזענד מיליאָן דאָלאַר (5 ביליאָן), אָדער 50 דאָלאַר אויף יעדען נפש אין לאַנד.

אונטערדריקען נייע ערפינדונגען.

נאָך אין דער פאבריקאַציע פון האָלץ-קויהלען (קאָוק) אליין ברויכט מען נאָך אין די פעראייניגטע שטאַטען פינף און ניינציג טויזענד אלט-מאָדישע אויוועגס, מיט וועלכע כמעט אלע אַנדערע פעלקער האָבען זיך שוין אויפגעהערט צו בענוצען. איינער פון די געלעהרטסטע געאָלאָגען אין אמעריקא האָט אָבגעשאַצט, אַז דער ניוועץ וואָס קומט פון דעם געברויך פון די אלט-מאָדישע אויוועגס בעטרעפט ניט ווענינגער פון 50 מיליאָן דאָלאַר יעהרליך, און עס איז די מיינונג פון דעם זעלבען געלעהרטען, אַז עס איז ניטאָ קיין ענטשולדיגונג פאר דעם ווייטערען געברויך פון יענעם סאָרט אויוועגס, חוץ די נאַכלעסיגקייט פון אונזערע קאַפּיטאַליסטען.

אין יענע אינדוסטריען וואו נייע ערפינדונגען קומען צו גאַנץ אָפט און בעצאָהלען זיך אם בעסטען, צווינגען געוועהנליך די בעלי־בתים זייערע אָנגעשטעלטע און אַרבייטער אונטערצושרייבען אַ קאָנטראַקט, אַז אַלע ערפינדונגען וואָס זיי וועלען מאַכען דורך דער צייט פון זייער דיענסט אָדער אַרבייט זאָלען בעלאַנגען צו די בעלי בתים און ניט צו די ערפינדער זעלבסט. גאַנץ אָפט איז דער צוועק פון דעם קאָנטראַקט ניט צו דערלאָזען אַז אימיצער זאָל אָנהויבען מאַכען בעסערע וואַארע אָדער בעסערע מאשינעריי ווי עס ווערען געמאַכט פון דער פירמע, וועלכע פאָדערט די קאָנטראַקטען.

מען דאַרף ניט האָבען קיין בעסערען מיטעל צו דערשטיקען דעם גייסט פון ערפינדונג און אָבצונעהמען דעם מוטה ביי פעהיגע מענשען אפילו צו טראַכטען וועגען נייע ערפינדונגען ווי די דאָזיגע קאָנטראַקטען.

פערגלייכענדיג די רעגיערונגס־דרוקעריי אין וואַשינגטאָן מיט אַפילו די בעסטע איינגעריכטעטע דרוק־הייזער אין לאַנד בעמערקט מען גאַנץ שנעל, אַז עס נעהמט פּריוואַט אונטערנעהמער אַ סך צייט איידער זיי הויבען זיך אָן צו בענוצען מיט נייע ערפינדונגען. דאָס זעלבע בעמערקען מיר, ווען מיר פערגלייכען די איינריכטונגען מיט וועלכע די אַמעריקאַנער רעגיערונג האָט זיך בנוצט ביים גראָבען און בויען דעם פּאַנאַמאַ קאַנאַל, אין די זעלבע איינריכטונגען דאָרט, וואו פּריוואַטע קאַפּיטאַליסטען גיבען זיך אָפּ מיט דאָס בויען פון וואַסער־קאַנאַלען.

די געזעצגעבונג מאַכט מעגליך, אַז פיעלע נוצליכע ערפינדונגען זאָל אויסגעקויפט ווערען פון מענשען, וועלכע זיינען פערינטערעסירט זיי צו אונטערדריקען קעגען די אינטערעסען פון לאַנד.

עס וועט בשום אופן ניט זיין קיין גוזמא, ווען מען זאָל אָננעהמען, אַז אַמעריקאַ פערליערט יעהרליך צום ווענינסטען צוויי ביליאָנען דאָלאַר דורך די געזעצע, וועלכע ערלויבען צו דערשטיקען, אָבצוהאַלטען דעם ניצליכען געברויך פון פערשיעדענע ערפינדונגען.

# די פרויען וועלט

ל. לאַקסאָן.

## פרויען שטימרעכט און פרויען אַרבייט.

די פרויען פון שטאַט ניו יאָרק האָבען ענדליך געוואונען זייער קאַמפּף פאַר שטים רעכט. די ניו יאָרקער פרויען האָבען דערפאַר געקעמפּפט זינט פאַר דעם בירגער קריעג, אַן ערך פון 65 יאָהר. אין שטאָדט ניו יאָרק זיינען פאַרהאַן 3,060,848 איינוואָהנער אין עלטער פון 21 יאָהר און איבער. קיינער ווייס אָבער ניט וויפיעל פון זיי קענען וואוטען, ווארום אַ גרויסע צאָהל פון זיי זיינען פרעמד געבוירענע און האָבען זיך ניט נאַטוראַליזירט. אין די סאָפריידזש העדקוואָרטערס איז מען אָבער זיכער, אַז צווישען דער אויבענדערמאָנטער צאָהל זיינען דאָ צוויי מיליאָן פרויען, וואָס האָבען רעכט צו וואוטען. לויט'ן חשבון, וואָס די „סוירוויי" מאַכט זיינען איצט דאָ אין אַלע סאָפריידזש שטאַטען איבער צעהן מיליאָן פרויען, וועלכע וועלען קענען וואוטען אמווענינגסטענס צו די פּרעזידענשאַל עלעקשאָנס, אויב זיי זיינען סיטיזענס. 13 שטאַטען האָבען איצט פולע סאָפריידזש און 19 שטאַטען בלויז פּרעזידענשעל סאָפריידזש.

ווען מען קוקט זיך צו צו דעם גרויסען און העפטיגען קאַמפּף, וואָס די פרויען האָבען אין אַלע לענדער אָנגעפיהרט פאַר פּאָליטישעס וואהל־רעכט, שווימט ניט ווילענדיג אויף די פראַגע: וועלכע אורזאַכען האָבען אַרויסגערופען דיעזען קאַמפּף? וועלכע עקאָנאָמישע, מאָראַלישע און עטהישע גרינדע האָבען דיעזע פראַגע אַרויסגערופען אין לעבען און אין אַלע ציוויליזירטע לענדער זי אַוועקגעשטעלט אויף דער טאָגעס אָרדנונג? נאָך גאָר ניט לאַנג צוריק האָט מען דערויף נעענטפערט נור אין וויץ־בלעטער, היינט איז דאָס אָבער אַן ערנסטע פּאָליטישע ערשיינונג, וועלכע דאַרף ערנסט בעהאַנדעלט ווערען, ווי יעדער אַנדערער ערשיינונג.

די בעוואוסטע ענגלישע שריפטשטעלערין, אליוו שריינער, אין איהר ווערק „וואָמען ענד לייבאָר", בעמיהט זיך צו פערענטפערען דיעזע פראַגע אויף פאָלגענדען אופן. די היינטיגע פרויען בעוועגונג איז אַ רעזולטאַט פון אַ דייהע עקאָנאָמישע פראַגען, אָדער, בעסער געזאָגט, „אַ געשלעכטס־רעוואָלט" געגען פּאַראַזיטיזם. דער היינטיגער פרויען־קאַמפּף — שרייבט זי — איז ניט נור געציעלט צו קריגען די אייגענע רעכטע, וואָס די מאַנסלייט האָבען, נור צו קריגען זייערע רעכטע אַלס פרויען, זייערע אייגענע רעכטע, וואָס זיי האָבען אַמאָל געהאַט און היינט האָבען זיי נישט.

די שנעלע ענדערונגען, וואָס זיינען פאָרגעקומען אויף דעם געביעט פון אַרבייט און אין היינטיגען לעבען אין אַלגעמיין, האָבען ביי דער פרוי אַוועקגענומען די מעגליכקייטען אַריינצוטראָגען אין דער געזעלשאַפט איהר גרויסען טהייל, וועלכען זי פלעגט אַריינטראָגען אין די אַמאָליגע צייטען. פון שטענדיג אָן האָט די פרוי געאַרבייט צוגלייך מיט'ן מאַן, צוזאַמען געוואַנדערט. ווען די וואַנדערונגען האָבען אויפגעהערט, האָט די פרוי געאַרבייט מיט געצייג, האָט געגראָבען און געאַקערט, דער מאַן האָט מלחמה געהאַלטען, די פרוי האָט געשפּייזט און גענעהרט די ראַסע, די פרוי פלעגט אַרבייטען, בעת דער מאַן פלעגט זיך ערהוילען פון וואַנדערן, וואָס ער האָט געקראָגען אין די מלחמות.

שפּעטער, ווען מלחמות זיינען געוואָרען זעלטענער, האָבען שוין מעהר מאַנספּאַרשוינען פערנומען די פּלעצער פון די פרויען אויף די פעלדער. די פרויען האָבען דעמאָלט גענומען זיך בעשעפטיגען מיט וועבען און שפּינען. מיט דער צייט האָט זיך אָנגעהויבען ענטוויקלען די מאַשינעריי, די מוסקעל אַרבייט איז פערביטען געוואָרען אויף מאַשין אַרבייט. מוסקעל־אַרבייט האָט פערלוירען איהר ווערדע און קאָפּ־אַרבייט, שכל־אַרבייט האָט מען גענומען זעהר הויך שעצען. מיט דער ענטוויקלונג פון דער מאַשינעריי איז יעדענפאַלס בעשרענקט געוואָרען דאָס פעלד פאַר מוסקעל־אַרבייט. דיעזע בעשרענקונג אויף דעם געביעט פון אַרבייט אין פערגלייך מיט די אַמאָליגע צייטען, האָט ענטוויקעלט גאַנצע מחנות פרויען־פּאַראַזיטען אויף די מאַנספּאַרשוינען. די אַלטע בעשעפטיגונג פאַר פרויען זיינען אָבגעשאַפט געוואָרען, סיי אויף'ן פעלד סיי אין הויז. אויסער דעם איז די שטערבליכקייט צווישען קינדער בעדייטענד פערקלענערט געוואָרען, זינט די וויסענשאַפט האָט זיך ענטוויקעלט. און דאַרום דאַרף נישט היינט די פרוי פערברויכען אַזוי פיעל לעבענס־ענערגיע און לעבענס־קראַפט אויף צו טראָגען, האָבען און ערציהען קינדער.

זוכט היינט די פרוי נייע געביעטען אויף וועלכע זי זאָל קענען פערווענדען איהר ענערגיע און איהרע פעהיגקייטען, ווי אין די אַמאָליגע צייטען. די מאָטאָ פון מאַן איז: „געפּ'ן אַרבייט אָדער שטאַרב". די מאָטאָ פון דער היינטיגער פרוי איז: „געפּין נייע אַרבייטס־געביעטען אָדער זינק אין. געשלעכטס־פּאַראַזיטיזם". די פרויען מוזען בייטראָגען אין דער געזעלשאַפט אין טראָגען דעם יאָך, פּונקט אַזוי ווי די מענער, אויב נישט וועט די געזעלשאַפט אונטערגעהן.

מיר פערלאנגען נישט, — שרייבט מאדאם אליזו שריינער, — אז דער לעבענס־שטראם זאל אנהויבען פליסען צוריק, אז די רעדער פון דער צייט זאלען זיך דרעהען אויף צוריק. מיר פאדערען נישט, אז די אלטע שפינדעל און וועבמאשין זאלען ווידער זיין אין אונזערע הענד אדער די מאנסלייט זאלען ווידער אנהויבען וואנדערען און מלחמה האלטען, אום מיר זאלען ווידער קאנען פערנעהמען אונזערע אלטע פאזיציעס. מיר ווילען זאגאר ניט, אז די געזעלשאפט זאל זיך אזוי איינארדנען, אז יעדע פרוי זאל ווידער ווערען בלויז א קינדער־האבערין, אדער די קינדער, וועלכע מיר געבוירען זאלען זיין אבהענגיג נור פון אונזער ערציהונג. מיר פערלאנגען אבער, אז אלע זאכען אין דער היינטיגער ציוויליזאציע, וועלכע האבען אנגענומען אן אנדער באראקטער און אנדער פאסאן פאר די מענער, זאלען האבען אן אנדע באראקטער און אן אנדער פאסאן אויך פאר אונז. מיר ווילען נוצליך זיין אין דער געזעלשאפט לויט די נייע פאדערונגען פון אונזער נייער ציוויליזאציע. מעהר ווילען מיר ניט און ווייניגער וועלען מיר אויך ניט נעהמען, ווייל דאס איז אונזער פרויען־רעכט, מיר ווילען ניט זיין קיין פאראזיטען. אונזערע אלטע געביעטען האט די צייט פון אונז אוועקגערויבט, די צייט האט אבער אויך אוועקגערויבט די אלטע געביעטען פון די מענער. די נייע צייט האט געשאפען נייע געביעטען פאר די מענער, די זעלבע צייט האט אבער אויך געשאפען נייע געביעטען פאר אונז. די נייע ציוויליזאציאן עפענט פאר אונז נייע פערספעקטיוען, זי באט אונז אן נייע טהעטיגקייטען. מיר ווילען זיך דערמיט בענוצען.

נאך קיינמאל אין דער געשיכטע האט די פרוי זיך ניט אויסגעצייכענט מיט אזוי פיעל פיעלפאכיגע, אינערליכע איבערלעבענישען, ווי אין דער לעצטער צייט. זי קעמפפט עקשנות׳דיג פאר איהר גלייכשטעלונג אין דער געזעלשאפט, פאר איהר זעלבסטשטענדיגקייט און אונאבהענגיגקייט; זי קעמפפט רוישיג, זי איז איבערצייגט אין דער גערעכטיגקייט פון איהרע פאדערונגען. אפטמאל ווערט זי אזוי היינגעריסען פון קאמפף, אז זי פערלייקענט איהר פערגאנגענהייט. די עקאנאמישע נויטווענדיגקייט, די נויטווענדיגקייט זיך צו בעפרייען פון פאראזיטיזם, יאגט זי ארוים פון קיך, פון קינדער־צימער אין הארטען לעבענסקאמפף.

די היינטיגע פרוי איבערצייגט זיך אלץ מעהר, אז דער שווערען לעבענסקאמפף האט אויף איהר ארויפגעלייגט גלייכע פליכטען, ווי אויף׳ן מאן. זי קוקט שוין מעהר ניט אויף׳ן מאן ווי אויף א העלד, ווי אויף איהר פערזארגער. זי נעהמט אויף זיך ארויף א גלייכען הלק אין לעבענס־יאך. אהן מורא הערט זי זיך צו צום פייף פון דער פאבריק, צו דעם גערויש פון די מאשינען. האסטיג דערנעהנטערט זי זיך צו א נייער וועלט פון מיה און ארבייט, צו פערשיעדענע טהעטיגקייטען, צו א וועלט פון זעלבסטשטענדיגקייט און אונאבהענגיגקייט. דאס איז דער פראדוקט פון דער נייער צייט.

זעהר אפט קומט אויס צו הערען, — שרייבט מאדאם אליזו שריינער, — אז ווען די פרוי וועט האבען מעהר געלעגענהייטען אריינצוטרעטען אין נייע געביעטען, וועט זי דאן פערליערען איהר געשלעכטליבער רייץ, איהר צויבער. דאס איז אבער ניט אמת.

די פארשונגען, וואס זיינען געמאבט געווארען אין אלע צייטען און ביי אלע ראסען האבען בעוויזען, אז וואס מעהר פרייהייט די פרוי האט געהאט, אלץ גרעסער איז געווארען איהר געשלעכטליבער ווערט ביי די מענער פון יענער געזעלשאפט. עס איז קיין גרונד נישטא פאר וועלבע עס איז פארשטעלונגען, אז וואס גרעסער און רייבער עס איז די גייסטיגע וועלט פון דער פרוי, וואס גרעסער איהר אינטעליגענץ איז, אלץ ווייניגער נעהמט זי אויס ביי מענער.

סאפיא קאוואליעווסקאיא, דזשארדזש עליאט און עליזאבעטה בראונינג זיינען גוטע ביישפיעלען. די מענער, וואס זיינען געגען דער היינטיגער פרויען בעוועגונג — שרייבט מאדאם שריינער — בעלאנגען אליין צו דעם קלאס פון פאראזיטען. די פרויען בעוועגונג איז ארויסגערופען געווארען און וועט בעגעגענט ווערען פון א נייעם טיפ מענער, וואס וועלען אליין זוכען אן אקטיווע פרוי אלס לעבענסבעגלייטערין, נישט א פרוי א פאראזיט. די נייע פרוי וועט בעשאפען א נייעם טיפ מאנספארשוין. אזוי איז דער גאנג פון אונזער נייער צייט. קיינע הקירות וועלען ניט זיין אימשטאנד אבצושטעלען דעם גאנג פון דער צייט, דעם גאנג פון דער ציוויליזאציאן.

## מוטערשאפט אינשורענס.

ניט קוקענדיג אויף דעם גרויסען באס, וואס הערשט היינט אין רוסלאנד, איז דארט איצט אויפגעשוואומען די פראגע וועגען מוטערשאפט אינשורענס. די געשיכטע פון דיעזער פראגע איז פאלגענדע:

אין רוסלאנד איז דא א פאבריק געזעץ, לויט וועלכען יעדע ארבייטערין פון א גרויסער פאבריק אדער זאוואד מוז קריגען פיער וואכען אורלויב, ווען זי דארף ווערען א מוטער. נאך׳ן האבען דאס קינד מוז זי צוריק קריגען איהר דזשאב. אין דייטשלאנד, פראנקרייך און שווייצאריען האט אן ארבייטערין רעכט אויף אכט וואכען אורלויב ביז און נאכ׳ן קינפעט. די סאציאליסטישע פארטייען אין פיעלע לענדער פאדערען אבער, אז אן ארבייטערין זאל האבען רעכט אויף זעבצעהן וואבען אורלויב: אכט וואבען פאר׳ן האבען דאס קינד און אכט וואכען נאכ׳ן האבען דאס קינד. די סאציאליסטישע פארטייען ווילען אויך, אז יעדע ארבייטערין, וואס דארף זויגען איהר קינד, זאל מעגען אין פערלויף פון ארבייטס־טאג אוועקגעהען אנזויגען איהר קינד. אזא פאדערונג עקזיסטירט שוין אין די געזעצען פון איטאליען און שפאניען.

אויסער דעם עקזיסטירט שוין אין 14 לענדער מוטערשאפט אינשורענס. ווארום וואס איז די פעולה, וואס אן ארבייטערין מעג זיך אוועקלייגען אין קינפעט אהן מורא צו פערליערען איהר דזשאב, אז זי האט אבער ניט א טאג איבערצוקומען! אט דיעזע מוטערשאפט אינשורענס, וואס עס עקזיסטירט שוין אין דייטשלאנד, עסטרייך, אונגארען, לוקסעמבורג, ענגלאנד, איטאליען, פראנקרייך, אויסטראליען, נארוועגיען, סערביען, רומעניען, באסני־הערצעגאווינען און אין רוסלאנד, — ווערזארגט יעדע ארבייטערין, וועלבע קען ניט ארבייטען אין דער צייט, וואס זי דארף ווערען א מוטער. אין אלע לענדער, שוין אריינגערעבענט רוסלאנד, ווערט די ארבייטערין אינשורט און דארף יעדע וואך צאהלען א געוויסע סומע. דערפאר קריגט זי, ווען זי ליעגט אין קינפעט, אזוי פיעל וויפיעל זי פערדיענט, אויך קריגט זי מעדיצינישע הילפע. אין איטאליען צאהלט די אינשורענס די ארבייטערין, דער פאבריקאנט און אויך די רעגיערונג ניט עדרויף צושטייער. אין פראנקרייך און אין אויסטראליען צאהלט די ארבייטערין גאר קיין אינשורענס ניט. יעדע מיטעל־לאזע מוטער קריגט דארט פון דער רעגיערונג: אין פראנקרייך אויף אכט וואבען צייט פון 20 קאפיקעס ביז 50 קאפיקעס א טאג און א מאל מעהר, אויך מעדיצינישע הילפע; אין אויסטראליען קריגט זי 50 רובעל אויף א מאל. אין רוסלאנד רעדט מען איצט וועגען אינשורענס פאר מוטערשאפט, פאר וועלבע ניט די ארבייטערינס זאלען צאהלען, נור די רעגיערונג. און נאך מעהר: עס זאלען אינשורט ווערען ניט נור פאבריק ארבייטערינס נור אויך דינסטען, פרויען וואס האבען פראפעסיעס, און פרויען, וואס ארבייטען אויף די פעלדער. די שטיצע זאל אנהאלטען 16 וואבען און די טעגליבע סומע זאל זיין 1½ מאל מעהר וויפיעל די פרוי פערדיענט. דער פראיעקט איז, אז די שטיצע זאל זיין: ניט ווייניגער פון איין רובעל א טאג אין גרויסע שטעדט, 75 קאפיקעס א טאג אין קליינע שטעדט, אויסער מעדיצינישע הילף. מען רעדט דארט אויך וועגען פיעלע אנדערע פלענער אויף דיעזען געביעט, ווי „קינדער הייזער", „קינדער־גארטענס", „דעי און נייט נוירסעריס" און אזוי ווייטער.

נאך מיט עטליבע יאהר צוריק האט די בעוואוסטע שוועדישע שריפטשטעלערין, עלען קעי, געשריבען א רייהע ארטיקלען אין וועלבע זי האט אנגעוויזען, אז דער שטאאט דארף בעטראכטען מוטערשאפט אלס א „פאבליק פאנקשאן" און די מוטערס מוזען דערפאר בעלוינט ווערען פון שטאאט. בעת די זון פון פרידען וועט ווידער אויפגעהען איבער דער וועלט, וועט מען

זיך ארומזעהן, אז אויף דער וועלט פעהלען יונגע מענשען און די רעגיערונגען וועלען זיין געצוואונגען צו ערמוטהיגען מוטערשאפט דורך פערשיעדענע דעפארמען בנוגע פרויען און קינדער ארבייט און בנוגע שטיצע פאר פרויען, וואס דארפען ווערען מוטערס.

## די פרויען בעוועגונג אין דער ליטעראטור.

דער קאמפף פון דער פרוי פאר איהר גלייכבערעכטיגונג האט זיך אבגעשפיעגעלט אין א גאנצער רייהע ראמאנען, ערצעהלונגען און דראמען. אין אן אבהאנדלונג וועגען די מאדערנע פראנצויזישע שריפטשטעלערינס שרייבט אנעטא ברונעמאן, אז אין געיעג נאכ'ן פערזענליכען גליק פערגעסט די היינטיגע פרוי גאנץ אפט אלע איהרע פליכטען, אפילו איהרע מוטער־פליכטען. ביי דאס רוב פרויען, וואס זיינען געשילדערט געווארען אין די ראמאנען און ערצעהלונגען פון די היינטיגע פראנצויזישע שריפטשטעלערינס — שרייבט די דערמאנטע פערפאסערין — ווייזט זיך ארויס, צום ביישפיעל, אן אונגעוועהנליכע גלייכגילטיגקייט צו קינדער. ווען אפילו עס קומט פאר די פראגע וועגען גט'ן זיך, א פראגע, וואס איז אזוי וויכטיג פאר די קינדער פון די גע'גט'ע עלטערען, אפילו דאן נעהמען זיי ניט אין אכט דעם שיקזאל פון זייערע קינדער. דערפאר אבער רעדען די העלדינען, די מאדערנע העלדינען, גאנץ הויך וועגען זייער האס און פעראכטונג צו דער גרויסער אידעע פון מוטערשאפט. דער געדאנק וועגען האבען א קינד יאגט ארויף אויף זיי א בייזע מורא.

אין דעם בעוואוסטען ראמאן „די פרינצעסינס פון דער וויסענשאפט" שילדערט די פערפאסערין א גאנצע גרופע מאדערנע פרויען, וועלבע זיינען פעדנומען מיט זייערע געלעהרטע פראפעסיאנען, זיי זיינען אבער אזעלכע שלעכטע מוטערס, אז ביי איינער, צום ביישפיעל, שטארבט א קינד נור דערפאר, וואס מען האט אויף איהם ניט אכטונג געגעבען ווי געהעריג איז.

אט דער נייער פרויען־טיפ, — מיינט די פערפאסערין, — האט זיך נאך ניט קריסטאליזירט אין דער פארשטעלונג פון דעם מאנספארשוין. אונזער מאן, ווי פארטגעשריטען ער זאל ניט זיין, וועט ביי איהם גיבער אויסנעהמען א פאסיווע, שוואכע פרוי, אזא, וועלכע נויטיגט זיך אין זיין הילף און שטיצע, א פרוי, וואס פערמאגט ניט קיין גרויסע אינטעלעקטועלע גייסטיגע פאדערונגען. עס זיינען דא נאטירליך, מענער, וועלכע זוכען פרויען, וואס זאלען גראד בעזיצען ביידע מעלות: אי די מעלה פון א גוטער מוטער און פרוי, אי די מעלה פון א פריינד און חבר, וואס זאל קענען אבשעצען דעם מאנס העכערע פאדערונגען. אבער אזעלכע טיפען, וואס זאלען זיך אויסצייכנען מיט אלע אויסגערעכענטע מעלות, זיינען צווישען פרויען דערווייליג דא גאנץ ווייניג און דארום קומען גאנץ אפט פאר טראגעדיעס, ווי הויפטמאן האט עס געשילדערט אין זיין בעוואוסטער דראמא — „די איינזאמע".

מארים מעטערלינק'ס פרוי, מאדאם זשארזשעט לע־בלאן, בעהאנדעלט די אייגענע פראגע אין איינעם פון איהרע ראמאנען.

פאר דער היינטיגער פרוי, — שרייבט זי, — איז ניט גענוג צו זיין געליעבט נור אלס פרוי, אלס א קליין בליהמעל אין'ם גרויסען גארטען פון הויכע פאלמען און ציפרעסען. די היינטיגע פרוי פערלאנגט א קרעפטיגע האנד, אויף וועלבער זי זאל זיך קענען אנשפארען, כדי ניט פערלאשען צו ווערען גייסטיג, כדי מוטהיג צו שפאנען פאראוים. זי דארף האבען ניט נור א ליעבענדען מענשען, נור אויך א נוצליכען מענשען, וואס זאל איהר קענען שטיצען אין איהרע גייסטיגע פאדערונגען און אינטערעסען. ליעבע איז היינט ניט נור א צוועק פאר זיך, נור א מיטעל אויף צו דערגרייכען העבערע צוועקען און ציעלען אין לעבען.

אננא ברונעמאן בעמערקט וועגען דעם דאזיגען ענין פאלגענדעס:

א טיעפער אבגרונד טיילט אב די היינטיגע ליעבע פון דער ראמאנטישער ליעבע פון אמאל. די בעציהונגען צווישען פרוי און מאן זיינען היינט געווארען גאנץ אנדערש. אין די אמאליגע ראמאנטישע צייטען פלעגט די פרוי זיך ראנגלען פאר'ן גליק פון דעם מאנספארשוין, פאר דאס רעבט צו ליעבען איינער דעם צווייטען, ווי זיי האבען פערשטאנען און געוועלט. אויף דעם פלעגט די פרוי אוועקלייגען גאר איהרע בוחות. איטליבער פלעגט זיך ראנגלען געגען די אלטמאדישע געזעלשאפטליבע טראדיציעס און מנהגים, וואס פלעגען ביידען שטערן זיך צו פעראייניגען נאך זייערע פערזענליכע געשמאקען און פארמען. די היינטיגע פרוי איז אבער נור פערנומען מיט דער פראגע פון איהר פערזענליבען גליק, מיט די איינארדנונגען פון איהר אייגען לעבען; זי קעמפפט פאר איהר אייגענעם רעכט צו לעבען און צו געניסען, און דערביי גאנץ אפט אין געגענזאץ צו די אינטערעסען פון איהר געליעבטען. מיר בעמערקען אבער דערביי ניט זעלטען א מאדנעם ווידערשפרוך. די היינטיגע פרוי, וועלכע ווערט געשילדערט אין די ראמאנען, צייבענען זיך אוים, דאכט זיך, אין פערגלייך מיט די מאליגע פרויען טיפען אין ראמאנען, מיט איהרע גייסטיגע פעהיגקייטען, מיט דער טיפקייט פון איהרע געפיהלען און פיעלפאביגע איבערלעבענישען; און ניט קוקענדיג דערויף איז די ליעבע פון דער היינטיגער פרוי, פון דער נייער פרוי, א זעהר פאזיטיווע, רעאלע, אהן א שום ראמאנטישען קאליר. אבער די היינטיגע נייע פרוי קריגט געצאהלט מיט דערזעלבער מטבע. זי טרינקט איהר ליעבע אויך ניט פון א ריינעם בעכער.

דער היינטיגער מאנספארשוין האט זיך נאך ניט צוגעוואוינט צו דיעזען נייעם פרויען טיפ. ער פעדניכטעט אין דער פרוי איהר נייע אינהאלט, איבערלאזענדיג נאר דאס, וואס ער איז געוואוינט צו ליעבען אין אלע צייטען. דער רעזולטאט דערפון איז, אז אין אזעלכע פעלען פעהלט אין לעבען דער אינהאלט, די צופריעדענהייט פון איין צד אדער דעם צווייטען צד, און גאנץ אפט די צופריעדענהייט פון ביידע צדדים.

די קאמפפס־פאזיציע, וואס די נייע פרוי האט איצט אנגענומען, איז אלענפאלס זעהר אן אינטערעסאנטע ערשיינונג און דארף גאנץ גענוי אויסגעפארשט ווערען. אט די נייע בעוועגונג און דער נייער קאמפף פון דער פרוי בעשטעהט ניט נור אין דער פאדערונג פון שטימרעכט, די בעוועגונג איז פיעל ברייטער און טיעפער, זי האט אויך א פסיכאלאגישען גרונד. די פסיכאלאגי פון דער פרוי האט זיך בעדייטענד געענדערט פאר די לעצטע 50 יאהר, אונטער'ן דרוק פון פערשיעדענע עקאנאמישע און אנדערע אומשטענדען. עס דארף אויך גענוי אויסגעפארשט ווערען, צי די געגנער פון דער היינטיגער פרויען־בעוועגונג — און געגנער זיינען דאך אויך דא צווישען די פרויען גופא — זיינען גערעבט, ווען זיי זאגען, אז די דאזיגע בעוועגונג שטערט זעהר פיעל דאס פאמיליען־לעבען און דאס פאמיליען־גליק.

## נאטיס

### צו אלע ברענטש סעקרעטערע פון דער קאונטרי.

די סאניטאריום קאמיטע ציהט די אויפמערקזאמקייט פון די ברענטש סעקרעטערע פון דער קאונטרי און בעט זיי, אז זיי זאלען די קאנדידאטען פאר'ן סאניטאריום אונטער קיינע אומשטענדען ניט שיקען אין סאניטאריום, בעפאר זיי קריגען ניט פון דזשענעראל אפיס קיין אדמישאן קארדס.

# 25 טויזענד דאלאר פאר מלחמה קרבנות

וויפיעל האט איהר בייגעשטייערט?

# צושריפטען פון די פערוואַלטונגס קאָמיטעטען

## וועגען פראַטוירנאַל רייטס.

צו אלע ברענטשעס פון ארבייטער רינג.

ווערטהע פריינדע:

דער רעפערענדום איבער דער פראטוירנאל רייטס פראגע איז דורכגעגאנגען מיט אַ ריעזיגער מעהרהייט. 13191 האָבען געשטימט פאַר און נאָר 5067 האָבען געשטימט געגען, דאָס הייסט אַז די נויטיגע צוויי־דריטעל, וואס עס האָט זיך געפאָדערט, איז אריבער געשטיגען די צאָהל מיט מעהר ווי 3000 שטימען. די מעמבערשיפּ האָט אויסגעדריקט זייער ווילען, און פאַר זייער ווילען בויגען מיר זיך. די פראַגע איז איצט געשלאָסען, און די פראַטוירנאל רייטס ווערען איינגעפיהרט אין ארבייטער רינג גלייך איצט, אָנפאַנגענדיג מיט'ן קווארטאל 70.

מיר שיקען אייך דאָ 2 רייט־קאַרדס. איינע, וועלכע ציינט אייך די רייטס פאר'ן מאָרטשוערי פאָנד פאר דעם גאַנצען יאָהר 1918. דיזע רייטס וועלען פאַר דיזען יאָהר בלייבען אונפערענדערט. אויף דער צווייטער קארד געפינט איהר פון איין זייט די אַלגעמיינע אסעסמענטס פאר'ן קווארטאל 70 אָהן דעם מאָרטשוערי פאָנד, און אויף דער צווייטער זייט האָט איהר די פולע סומע, וועלכע איהר דארפט טשארדזשען צו יעדען מעמבער לויט זיין קלאַס און לויט דעם עלטער, וואָס ער איז געווען, ווען ער איז אַריינגעטראָטען אין אַרבייטער רינג. דיזען עלטער פון די מעמבערס וועט איהר געפינען ביי אייך אין די לעדזשערס. אויב אייערע רעקאָרדס וועגען דעם עלטער זיינען ניט קיין דייטליכע, שרייבט אין דזשענעראל אָפיס און מיר וועלען דאָס אויסגלייכען. דער דזשענעראל אָפיס ארבייט אויס ליסטען פון די מעמבערשיפּ אין די ברענטשעס און זייערע יאָהרען און וועט דיזע ליסטען ארויסשיקען צו די ברענטשעס, אזוי גלייך ווי זיי וועלען ווערען פארטיג.

די אלע מעמבערס, וועלבע זיינען אמאָהל געווען געשטראָבען און זיינען אריינגעקומען דערנאָך צוריק אלס נייע מעמבערס וועלען האָבען א ספּעציעלע פּריווילעגיע, וועלבע די נאציאָנאלע עקזעקוטיווע האָט זיי בעוויליגט, אז זייער עלטער וועט גערעכענט ווערען לויט דעם ערשטען אריינטריט אין ארב. רינג. דאָס הייסט, אז אויב איינער איז אריינגעטראָטען אמאָהל אין ארב. רינג אין עלטער פון 25 יאָהר, דערנאָך איז ער געוואָרען געשטראָבען און אריינגעטראָטען צוריק אלס נייער מעמבער אין עלטער, למשל, פון 30 יאָהר, וועט זיין רייט גערעכענט ווערען ווי פון א מעמבער, וועלכער איז אַריינגעטראָטען אין עלטער פון 25 און ניט פון 30. די סעקרעטערע דארפען צושטעלען צום אָפיס א ליסט פון אזעלבע מעמבערס מיט זייערע סערטיפיקייטס און אויך די נומערען פון די ברענטשעס צו וועלבע זיי האָבען אמאָל בעלאנגט, אום דער אָפיס זאָל דאָס קענען קאָנטראָלירען.

ווייטער גלויבען מיר, אז די סעקרעטערע וועלען ניט האָבען קיינע שוועריגקייטען אין נאָבקומען זייערע פליבטען און אָנפיהרען די ארבייט ווי געווען.

א נייע רעפאָרמע פאָדערט אביסעל מעהר אָנשטרענגונג, אביסעל מעהר צייט און מיהע, אָבער מיר האָפען, אז אונזערע סעקרעטערע און די גאנצע מעמבערשיפּ וועלען מיט זייער גאַנצען הארצען מיטהעלפען דער עקזעקוטיווע דורכצופיהרען דיזע רעפאָרמע אָהן שוועריגקייטען און שטערונישען, און מיט פעראייניגטע קרעפטען ארבייטען פאר דעם וואָהל און בעסטען פון אונזער אָרגאַניזאציאָן.

לעגט אוועק אָן א זייט אַלע פריהערדיגע צאַנקערייען, פערגעסט אָן די אַלטע מחלוקות און פערביטערטקייט, וועלכע דער קאמפף פאר דיזער רעפאָרמע האָט ארויסגערופען. דאָס פאָלק האָט געשפּראָכען און דער אורטייל איז געזיעגעלט.

א פעראייניגטער, שטארקער ארבייטער רינג — דאָס איז אונזער שטרעבונג.

מיט פריינדליכען גרוס,

נאַצ. עקז. קאָמיטע אַרבייטער רינג,

י. באַסקין, דזשענעראל סעקרעטער.

---

צו אלע ברענטשעס פון ארבייטער רינג.

ווערטהע פריינדע:

צוליעב די נויטיגע פּאָרבערייטונגען, וועלכע עס ווערען געמאכט אין אָפיס איינצופיהרען גלייך די פראַטוירנאל רייטס סיסטעם, זיינען מיר געצוואונגען צו שליסען די ביבער פון קווארטאל 69 פריהער ווי געוועהנליך.

דארום זייט איהר געבעטען נעהמען אין אנבעטראבט, דאָס אלע טראנסעקשאָנס וועגען געשטראָכענע, רעאינסטייטעטע, טרענספערירטע א. ז. וו., וועלכע וועלען ערהאַלטען ווערען אין אָפיס שפּעטער פון דעם 23טען דעצעמבער, וועלען ניט ערשיינען אויף דעם סטייטמענט פון קווארטאל 69. זיי וועלען צוגערעכענט ווערען צום 70טען קווארטאל, און אלע קרעדיטס און טשארדזשעס וועלען זיך געפינען אויף דעם סטייטמענט פון דיעזען 70טען קווארטאל.

מיט פריינדליכען גדוס,

י. באַסקין, דזשענעראל סעקרעטער.

נ. ב. — האָט אין זינען, אז נייע מעמבערס אין עלטער פון קאָנסקריפּשאָן קענען אריינגענומען ווערען אין קלאַס 4. דאס בעציהט זיך אויך אויף די, וועלכע זיינען זאָגאר עקזעמפּטעט געוואָרען אין ערשטען דרעפט. י. ב.

---

## וועגען געדרעפטעטע מעמבערס.

אן אלע ברענטשעס פון ארבייטעד רינג.

ווערטהע פריינדע: —

אויף דעם פערלאנג פון א געזעצליכע צאָהל ברענטשעס פון ארבייטער רינג שיקט די נאצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע פון ארבייטער רינג צו אייך א ספּעציעלען רעפערענדום וועגען אונזערע געדרעפטעטע מעמבערס. עס האנדעלט זיך וועגען שאפען א פאָנד פון וועלכען אונזער ארבייטער רינג זאָל קענען צאָהלען די בילס פאר די, וועלכע זיינען ארויסגעריסען געוואָרען פון אונזערע רייהען, פאר די, וועלכע ווערען צושיידט פון זייערע נאָהנטע און פריינד און ווערען פערשיקט אין די קעמפּס, פון וואַנען זיי וועלען דערנאָך אוועקגעשיקט ווערען אין אלע עקען וועלט אויף די פערשיערענע שלאכטפעלדער צו פערגיסען זייער בלוט. אין אזעלכע אומשטענדען קען ניט ליגען אין קאָפּ צו געדענקען וועגען צאָהלען ארב. רינג בילס; א חוץ דעם זיינען די ווייִדזשעס ניט גרויס גענוג צו דעקען אלע זייערע עקספּענסעס.

**עס איז** דארום די פליכט פון אונזער אָרגאַניזאציאָן צו העל־

פען דיזע מעמבערס, עס איז אונזער אלעמענס חוב צו זעהן אמ־וועניגסטענס בעזאָרגען זיי אזוי, אז זיי זאָלען ניט דארפען גע־שטראָכען ווערען פון אונזער אָרדען, און ווען זיי וועלען קומען צוריק זאָלען זיי זיין די זעלבע, אלטע גוטשטעהענדע מעמבערס ווי בעפאָר. דאָס איז א גרויסע זאך, וועלכע מיר קענען טהאָן פאר זיי און מיר דארפען עס טהאָן און אונזערע מעמבערס וועלען זיכער זיך אָברופען און וועלען שטיצען זיי מיט אלעם, וואס עס וועט נאָר זיין מעגליך.

חוץ די צאָהלונגען פאר די בילס איז פאראן א דרינגענדע נויטווענדיגקייט ארויסצוהעלפען די געדרעפטעטע מעמבערס אין די קעמפּס גופא. מען קען אראנזשירען פערשיעדענע אונטער־האלטונגס אבענדען פאר זיי אין דער צייט ווען זיי ווערען אָב־געלאָזען אין שטאָדט. מען דארף טרייען מאכען זייער לעבען פאר זיי אזוי זיס און אנגענעהם ווי מעגליך. פיעלע ברענטשעס טהוען זייער בעסט, שטריינגען זיך אָן און טהיילען זיך מיט'ן לעצטען ביסען מיט דיזע סאָלדאטען, וועלכע קומען צו זיי. אָבער א ברענטש אליין קען דאס ניט אויסהאלטען לאנג; דאָס איז אן אונגעהייערע לאסט פאר אן איינצעלנעם; די אָרגאני־זאציאָן אלס גאנצע קען און דארף עס טהאָן און פון דיזען טעקס, אויב ער וועט זיין 15 סענט, וועלען מיר, האָבען גענוג אויף די אלע בעדערפנישען.

און אויב דער ארב. רינג איז געווען אזוי גוטמוטהיג און געהאָלפען אלעמען, אריינרעכענדיג די מלחמה ליידענדע פון איי־ראָפּא, וועט ער זיכער זיך ניט אָבזאָגען צו העלפען זיינע אייגענע געדרעפטעטע מעמבערס אויך.

מיט פריינדליכען גרוס,

נאציאָנאלע עקזעקוטיוו קאָמיטע ארב. רינג,

י. באַסקין, דזשענ. סעק.

נ. ב. — אונזערע ברענטשעס ערהאלטען פיעלע לעטערס פון פערשיעדענע אָרגאניזאציאָנען ליעגס וועגען שטיצע פאר סאָלדאטען. דער ארב. רינג איז מיט קיינע פון דיזע אָרגאני־זאציאָנען ניט פערבונדען. מיר וועלען העלפען אונזערע גע־דרעפטעטע מעמבערס מיט אונזערע אייגענע כחות, אויף אונזער אייגענעם רעכנונג און א טייל פון די געלדער, וועלכע דער ספּע־ציעלער טעקס, אויב ער וועט דורכגעהן, וועט אריינברענגען, וועט פערברויכט ווערען פאר דיזען צוועק.

## וועגען נייע מעמבערס.

צו אלע ברענטשעס פון אר. רינג.

ווערטהע פריינדע: אין דעם לעצטען לעטער, וואס די נאַ־ציאָנאלע אָרגאניזאציאָנס קאָמיטע האָט ארויסגעשיקט צו אייך וועגען דעם מעמבערשיפּ קאמפּיין, האָט זי אייך געלאָזט וויסען, אַז זי וועט אָרדערען גוטע פאונטען פענס און בעלוינען יעדען מעמבער מיט אזא פאונטען פען פאר פינף נייע מעמבערס, וועל־כע ער וועט אריינברענגען אין ברענטש. די פאונטען פען איז שוין פארטיג.

פריינדע, מיר וויסען אז איהר ערווארטעט ניט קיין פּרע־זענטען. מיר זיינען איבערצייגט, אז איהר טהוט אייער ארבייט מיט איבערגעבענהייט ניט קוקענדיג אויב איהר וועט קריגען דער־פאר א בעלוינונג אָדער ניט. מיר וויסען דאָס גאנץ גוט, און מיר גלויבען ניט, אז אייער ארבייט קען אָבגעשאצט ווערען מיט א וועלכען ניט איז פּרעזענט. אלעס וואס מיר האָבען אין זינען איז נאָר אנצוערקענען אייער ארבייט און אויסצודריקען אונזער דאנקבארקייט פאר די צייט, מיה און ענערגיע, וועלכע איהר גיט אוועק אונזער אָרגאניזאציאָן.

אונזער קאמפּיין פאר נייע 10,000 מעמבערס ביז'ן קאָנ־ווענשאָן איז יעצט אין פולען גאנג. אין אייניגע ברענטשעס זיי־נען שוין די רעזולטאטען גלענצענדע. אין אייניגע ווערען גע־מאכט אלע פאָרבערייטונגען פאר דעם קאמפּיין. מיר האָפען, אז אלע פון אייך, איינצעלנע מעמבערס אזוי גוט ווי די ברענ־טשעס און זייערע בעאמטע, וועלען טהאָן זייער פליכט און זיי וועלען זעהן, אז צו דער נעקסטער קאָנווענשאָן זאָלען מיר ער־ווערבען נייע 10,000 מעמבערס, פרישע רעקרוטען פאר אונזער רעוואָלוציאָנערער ארמעע.

צו דער ארבייט, פריינדע, און דער ערפאָלג וועט זיין געזי־כערט.

מיט פריינדליכען גרוס,

נאצ. עקז. קאָמיטע ארב. רינג, אָרג. דעפּארטמענט,

י. באַסקין, דזשענ. סעקרעטער.

נ. ב. — איינטריטס־געלד פאר נייע מעמבערס דארף מען טשארדזשען אזוי ווי בעפאָר.

## דעלעגאַטען צום קאָנווענשאָן.

אן אלע ברענטשעס פון ארב. רינג.

ווערטהע פריינדע:

ווי אייך איז בעקאנט, וועט די קאָנווענשאָן פון יאָהר 1918 זיין א קליינע; פון יעדע 500 מעמבערס וועט ערוועהלט ווערען נור איין דעלעגאט צום קאָנווענשאָן. די ערוועהלונג פון די דעלע־גאטען וועט פאָרקומען אויף פאָלגענדען אופן:

1. די עקזעקוטיוו קאָמיטע וועט פעררופען טעריטאָריען קאָנפערענצען. צו דיזע קאָנפערענצען איז יעדער ברענטש בע־רעכטיגט צו שיקען אזוי פיעל דעלעגאטען, וויפיעל דער ברענטש איז בערעכטיגט צו אן עקסטרא קאָנווענשאָן, נעמליך: איינעם פון הונדערט, אָדער א מעהר טהייל דערצו.

2. יעדער ברענטש קען נאָמינירען א י י ן דעלעגאט צום קאָנווענשאָן, און די דעלעגאטען צום טעריטאָריען קאָנפערענץ זאָלען בעשטימען, ווער פון די נאָמינירטע זאָלען געהן אויפ'ן רעפערענדום צו די ברענטשעס פון דער בעטרעפענדער טעריטאָריע.

2. אין טעריטאָריעס וועלכע קענען קיינע קאָנפערענצען ניט אָבהאלטען, זאָלען די דעלעגאטען ערוועהלט ווערען ביי רעפערענדום פון די בעטרעפענדע ברענטשעס.

4. די עקספּענסעס פון די דעלעגאטען צו טעריטאָריען קאָנפערענצען זאָלען די ברענטשעס א ל י י ן בעצאָהלען.

די עקזעקוטיוו קאָמיטע האָט בעשלאָסען, אז אלע טעריטאָ־ריען קאָנפערענצען זאָלען אָבגעהאלטען ווערען ז ו נ ט א ג, דעם 3טען מערץ.

די אָרטיגע סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס אָדער די ספּע־ציעלע אראנזשמענטס קאָמיטעען וועלען אייך לאָזען וויסען דעם פּלאץ און ריכטיגע צייט פון דיזע קאָנפערענצען. אין ניו־יאָרק וועט אָבגעהאלטען ווערען איין קאָנפערענץ פאר אלע ניו יאָרקער נאָמינירטע דעלעגאטען, זונטאג דעם 3טען מערץ, אין פאָרווערטס האָל, 175 איסט בראָדוויי, אָנפאנגענדיג 10 אוהר מאָרגענס.

איהר מוזט געדענקען, אז יעדער ברענטש קען נאָמינירען בלויז א י י ן דעלעגאט צום קאָנווענשאָן. עס מאכט קיין אונטערשיעד וויפיעל מעמבערס אייער ברענטש האָט. וואס

אנבעלאַנגט אַבער דער טעריטאָריען קאָנפע־רענץ זאָלען די דעלעגאַטען ערוועהלט ווערען ווי פאָלגט:

א ברענטש וואָס האָט ווייניגער ווי 150 מעמבערס, קען שיקען בלויז איין דעלעגאַט צו דער קאָנפערענץ.

א ברענטש וואָס האָט פון 151 ביז 250 מעמבערס, קען שיקען צוויי דעלעגאַטען.

א ברענטש וואָס האָט פון 251 ביז 350 מעמבערס, קען שיקען דריי דעלעגאַטען.

א ברענטש וואָס האָט פון 351 ביז 450 מעמבערס, קען שי־קען פיער דעלעגאַטען.

א ברענטש וואָס האָט פון 451 ביז 550 מעמבערס, קען שיקען פינף דעלעגאַטען.

א ברענטש וואָס האָט פון 551 ביז 650 מעמבערס, קען שיקען זעקס דעלעגאַטען, און זאַ ווייטער.

די נעמען פון אַלע מעמבערס וואָס וועלען נאָמינירט ווע־רען ביי דער טעריטאָריען קאָנפערענץ אַלס דעלעגאַטען צו דער 18טער יעהרליכער קאָנווענשאַן, זאָלען גלייך צוגעשיקט ווערען אין דזשענעראַל אָפיס, וועלכער וועט זיי אַרויסשיקען צו א רע־פערענדום.

די קאָנפערענצען דאַרפען נאָמינירען דאָבעלט די צאָהל דעלעגאַטען, צו וועלכע זייער טעריטאָריע איז בערעכטיגט.

מיר מאַכען נאָך אַמאָל אויפמערקזאַם די ברענטשעס, אַז דער דזשענעראַל אָפיס וועט ניט צאָהלען קיי־נע עקספענסעס פון דעלעגאַטען צו די טעריטאָריע־קאָנפערענצען.

מיר שיקען אייך א נאָמינײשאַן בלענק, וועלכען איהר וועט זיין אזוי גוט אויספילען ביים ספעציעלען מיטינג, ווען די נאָ־מינײשאָנס וועלען געמאַכט ווערען און צושיקען אין דזשענ. אָפיס ניט שפּעטער ווי דעם 15טען מערץ. דער דזשענעראַל אָפיס וועט דערנאָך דיזע אַלע נאָמינירטע צושטעלען צו די אָר־טיגע טעריטאָריען קאָנפערענצען.

מיר מאַכען אויפמערקזאַם, אַז ברענטשעס, וועלכע זיינען אינסטאַלירט געוואָרען נאָך דעם 31טען דעצ., 1917, קענען ניט שיקען קיין דעלעגאַטען צום קאָנווענשאַן, און פאָלגליך קע־נען זיך ניט בעטייליגען אויך אין די טעריטאָריען קאָנפערענצען.

מיט פריינדליכען גרוס,

נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו קאָמיטע ארב. רינג,
י. באַסקין, דזשענ. סעקרעטער.

נ. ב. — אַלס דעלעגאַטען צום קאָנווענשאַן קאָן מען נאָ־מינירען מעמבערס פון דעם אייגענעם ברענטש און אויך מעמ־בערס פון אַנדערע ברענטשעס.

---

# זיצונגען פון דער נאַציאָנאַלער עקז. קאָמיטע א. ר.

דער מאָנאַטליכער מיטינג פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקו־טיוו קאָמיטע פון אַרבייטער רינג ווערט ערעפענט זונטאָג, דעם 6טען יאַנואַר, אום 10 אוהר פריה, מיט פריינד אב. עפּשטיין אַלס טשערמאַן.

צושריפטען.

פון בר. 207 אַטלאַנטא, דזשאָרדזשיא, מעלדעט מען, אַז זיי טהוען גוטע אַרבייט צווישען די אירישע סאָלדאַטען וואָס גע־פינען זיך אין די אַרומיגע קעמפּס. זיי האָבען אָבער ניט גענוג מיטלען און בעטען, אַז די עקזעקוטיוו זאָל זיי העלפען אויף וועלכען אופן זי קען.

פריינד באַסקין ערקלערט, אַז עס זיינען דאָ קליינע באַלאַנ־סען פון פערשיעדענע סטרייק פאָנדס, וואָס זיינען געקליבען געוואָרען אין פערלויף פון די לעצטע עטליכע יאָהר און מען קען די סומע בעוויליגען פאַר דיזער וויכטיגער טהעטיגקייט פון בר. 207.

עס ווערט בעשלאָסען צו שיקען די סומע פון די באַלאַנ־סען צו ברענטש 207.

---

עס ווערט געמעלדעט, אַז אויטסייד אָרגאַניזאַציאָנען ווענ־דען זיך צו אונזערע ברענטשעס מיט צושריפטען וועגען העלפען אָנפיהרען קולטורעלע און אויפקלערונגס אַרבייט צווישען די סאָלדאַטען אין די פערשיעדענע קעמפּס.

די עקזעקוטיוו בעשליסט צו ערקלערען די ברענטשעס אין א בריעף, אַז דער אַרבייטער רינג איז מיט קיינע פון דיזע אָר־גאַניזאַציאָנען ניט פערבונדען; אַז מיר ווילען העלפען אונזערע געדרעפטעטע מעמבערס אויף אונזער אייגענעם רעכנונג, מיט אונזערע אייגענע כחות.

צושריפט פון „ווימען טרייד יוניאָן ליעג" — לאַדען איין צו זיין פערטראָטען דורך צוויי דעלעגאַטען ביי זייער קאָנפע־רענץ, וואָס וועט אָבגעהאַלטען ווערען דעם 12טען און 13טען יאַנואַר. ערוועהלט פריינד אב. צוקער און י. א. סילווערמאַן.

---

טעלעגראַמעס ווערען פאָרגעלעזען פון דער מינעאַפּאָליס ריסטריקט קאָמיטע און ברענטש 17 לייבאָר ליעג, וואו זיי בע־גריסען דעם אר. ר. מיט דער איינפיהרונג פון פראַטערנאַל רייטס.

* * *

פר. וויינשטיין ערקלערט, אַז בר. 280 האָט נעקבטען שבת אָבענד אַן אונטערנעהמונג, פון וועלכען דער גאַנצער פּראָפיט וועט געהן פאַר'ן אר. ר. רעליעף פאָנד. זיי בעטען, אַז די עקזע־קוטיוו זאָל שיקען אהין א פערטרעטער. בעשלאָסען צו בעווי־ליגען. ערוועהלט פריינד פלאשענבערג און צוקער.

---

פר. זאַלצמאַן בעריכטעט, אַז ער איז געווען פערטראָטען ביי בר. 84, פלעינפיעלד, נ. דזש. און זיי בעגריסט אין נאָמען פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע. דער ברענטש האָט איהם געגעבען זעהר א פריינדליכע אויפנאַהמע.

דער בעריכט ווערט גוטגעהייסען.

---

פריינדע וויינבלאַט און פלאַשענבערג בעריכטען. אַז זיי זיינען געווען פערטראָטען ביי'ם יאָהרעס-פעסט פון בר. 241. פר. וויינבלאַט האָט זיי בעגריסט און אויך גערעדט וועגען מעמ־בערשיפ קאַמפּיין און וועגען דעם קאַמפּיין צו העלפען שאַפען 25 טויזענד דאָלאַר פאַר די אירישע מלחמה קרבנות.

בעריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. וויינשטיין בעריכטעט, אז ער איז געווען פערטראָטען ביי בר. 74, ביי דעם מיטינג וואס זיי האבען אראנזשירט לכבוד זייער 11טען יעהרליכען יובילעאום. ער האט גערעדט וועגען קאמפיין פאר צעהן טויזענד נייע מעמבערס און וועגען דעם 25 טויזענד דאָלאר פאָנד פאר די אידישע מלחמה קרבנות. ער זאָגט, אז בר. 74 וועט געווים טהאָן גוטע ארבייט און ביישטייערען זיין חלק אין דיזע ביידע קאמפיינס.

דער בעריכט ווערט גוטגעהייסען.

## צום אנדענקען פון פריינד דר. פאול קאפלאן.

דער טשערמאן, פר. אב. עפשטיין, בעט די עקזעקוטיוו מיטגליעדער צו בעעהרען דעם אנדענקען פון פערשטארבענעם פריינד דר. פאול קאפלאן מיט אויפהייבען זיך פון די פלעצער. עס ווערט דערביי אָנגענומען פאָלגענדע טרויער רעזאָלוציאָן:

דער טויט פון פריינד דר. פאול קאפלאן האט דער ארבייטער בעוועגונג און דער ראדיקאלער אידישער בעפעלקערונג געשאפען א פערלוסט פון איינעם פון די געטרייעסטע און איבערגעבענסטע מענשען. דר. פאול קאפלאן איז ביי זיין לעבען געווען בעקאנט אלס דער אפיציעלער פערטרעטער פון די סאָציאַליסטען רעוואָלוציאָנערען. אבער ער האט זיך ניט בעשרענקט בלויז מיט דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג פון דער אלטער היים, נאָר האט אויך גענומען אן אקטיוון אנטהייל אין יעדער געזעלשאפטליכער טהעטיגקייט דאָ אין לאנד. ער איז אויך ניט געבליבען פאסיוו צום ארבייטער רינג, אלס א טהייל פון דער גרויסער אמעריקאנער ארבייטער בעוועגונג און ער איז ביז דעם לעצטען מאָמענט פון זיין לעבען געווען איינער פון זיינע עהרען בעאמטע — א מיטגליעד פון דער מעדיקאל אדווייזערי באָארד.

צוזאמען מיט דער גאנצער ארבייטערשאפט עהרען מיר דיין אנדענקען, טהייערער פריינד און גענאָסע דר. פאול קאפלאן.

## בעריכט פון סאניטאריום רעליעף קאמיטע.

פריינד אב. עפשטיין בעריכטעט, אז די קאנפערענץ אין ניו יארק וועגען רעליעף ארבייט איז געווען ערפאָלגרייך. עס זיינען געווען פערטראָטען איבער 100 ברענטשעס דורך 230 דעלעגאטען. די פראגע וועגען שאפען 25 טויזענד דאָלאר פאר די אידישע מלחמה קרבנות איז ערנסט דעבאטירט געוואָרען. מאנכע דעלעגאטען האבען אויף'ן פלאץ רעפּאָרטעט, אז זייערע ברענטשעס האבען שוין בעוויליגט סומען פאר'ן רעליעף פאנד. פון דיזע ברענטשעס איז געווען 2,100 דאָלער. די קאנפערענץ האט אָנגענומען א רעזאָלוציאָן וואס האט פערפליכטעט די דעלעגאטען צו זעהן, אז יעדער ברענטש זאָל שאפען א סומע פאר דעם 25 טויזענד דאָלאר פאנד, אויף דער פראָפּאָרציע פון 50 סענט פער מעמבער. עס איז ערוועהלט געוואָרען א 25ער קאָמיטע צו בעזוכען די ברענטשעס און זיי אויפפאָדערען צו קויפען טיקעטס צו די טהעאטער אונטערנעהמונגען פאר'ן 25טען פעברואר.

דיזע קאמיטע האט זיך נאכהער פעראייניגט מיט דער סיטי אָרגאניזאציאָנס קאמיטע פאר געמיינשאפטליכע ארבייט. זיי האבען בעשטימט צו ארבייטען אלס „ארבייטער־רינג רעליעף קאָמיטע", אונטער דער אויפזיכט פון דער עקזעקוטיווע. די צוויי טהעאטער אונטערנעהמונגען ווערען זיכער זיין ערפאָלגרייך. די ברענטשעס האבען זיך גלייך אבגערופען און אריינגעשיקט אָרדערס פאר טיקעטס.

א בעזונדערע קאָנפערענץ פון די בראָנזווילער ברענטשעס איז גערופען געוואָרען אויף נעקסטען מיטוואך אבענד.

דער בעריכט ווערט גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון קאָנווענשאָן קאָמיטע.

פר. וואָהלבערג בעריכטעט, אז די קאָמיטע האט פאָרלויפיג ניט געהאנדעלט וועגען מעהר איינצעלהייטען אין בעצוג די קאָנווענשאָן ארענדזשמענט, ווייל זיי האבען ניט געהערט פון דער פיטסבורג קאָנווענשאָן קאָמיטע.

פריינדע ארקין און ווייסבערג, טשערמאן און סעקרעטאר פון דער פיטסבורג קאָנווענשאָן קאָמיטע, וועלכע זיינען צופעליג געווען אין ניו יאָרק, האבען געזאָגט, אז עס ווערען געמאכט אלע נויטיגע ארענדזשמענטס פאר'ן קאָנווענשאָן און זיי גלויבען, אז דערוועיל וועט ניט נויטיג זיין פאר קיינעם פון דער עקזעקוטיוו צו קומען אהין וועגען די ארענדזשמענטס.

דער בעריכט ווערט גוטגעהייסען.

## סעקרעטער'ס רעפּאָרט.

פריינד באסקין, דזשענעראל סעקרעטער בעריכטעט, אז דער אָפיס מאכט אלע נויטיגע פּארבערייטונגען פאר די איינפיהרונג פון פראָטעווירנאל רייטס.

אונזער עקטשועריי, מר. עלדרידזש, האט געשריבען, דאס אזוי שנעל ווי מיר וועלען האבען דעם וועליואיישאָן רעפּאָרט פון 1917, וועט מען קענען אָנפאנגען לעגאליזירען דעם ארבייטער רינג אין אלע שטאאטען, וואו מיר האבען פריהער קיין טשארטערס ניט געהאט.

די ברענטשעס איבער'ן לאנד טהוען גוטע ארבייט צו העלפען שאפען דעם 25טויזענד דאָלאר פאנד ווי אויך פאר דעם קאמפיין פון 10 טויזענד נייע מעמבערס.

די צאהל פון געשטראָכענע איז דיזען קווארטאל מיט אונגעפעהר טויזענד וועניגער ווי לעצטען קווארטאל.

ער ערקלערט, אז ער איז בעאויפטראגט געוואָרען פון דער נאצ. אָרגאניזאציאָנס קאָמיטע אבצוהאלטען די ארויסשיקונג פון רעפערענדומס וועגען שאפען א פאנד צו דעקען די דיוס פון ד געדרעפטעטע מעמבערס. די אָרגאניזאציאָנס קאָמיטע וועט וועגען דעם בעזונדער רעפּאָרטען.

עס דארף אויסגעארבייט ווערען א ליסט פון די טעריטאָריעלע קאָנפערענצען צו מאכען די לעצטע נאָמינעישאָן פאר דעלעגאטען צום קאָנווענשאָן. ער גלויבט, אז דיזע טעריטאָריעלע קאָנפערענצען וועלען דארפען גערופען ווערען אויף'ן ערשטען זונטאג אין מערץ, אום צו קענען האבען די נעמען פון אלע דעלעגאטען אין מאי נומער „פריינד". אויך דארף בעשטימט ווערען צי אין ניו יארק זאָל זיין איין אָדער צוויי טעריטאָריעלע נאָמינעישאָן קאָנפערענצען.

ער ערקלערט, אז דיזען יאָהר וועלען מיר האבען א פיקטיוו פערלוסט אויף די באָנדס צוליעב דעם וואס דער מארקעט פרייז איז געפאלען. אבער אזוי ווי מיר האלטען די באָנדס ביז זייער טערמין ווערט געענדיגט, וועט דער אלגעמיינער פערלוסט האבען א קליינע בעדייטונג אויף די באָנדס.

פר. באסקין זאָגט, אז די אויסגאבען פון סאניטאריום וואָקסען פון מאָנאט צו מאָנאט און ער דענקט, אז עס וואָלט געווען ראטהזאם צו רעקאָמענדירען צום קאָנווענשאָן, אז עס זאָל בעשטימט ווערען 150 דאָלער פאר'ן סאניטאריום אויפהאלטונגס פאנד אנשטאט 100 דאָלער.

ער גיט אָן פאָלגענדע בודזשעטען פאר'ן מאָנאט יאנואר:

ארמיניסטריישאָן פאָנד — — $3000.00
אָרגאניזאציאָנס קאָמיטע — 500.00
עדיוקיישאָנאל קאָמיטע — — 1000.00
„פריינד" פאָנד — — — — 1000.00

---

די פראגע וועגען די טעריטאָריעלע נאָמינייזשאָן קאָנפערענצען ווערט איבערגעגעבען צו דער נאציאָנאלער אָרגאניזאציאָנס קאָמיטע.

דער רעפּאָרט פון סעקרעטער ווערט גוטגעהייסען.

## קאָמיטעס.

פון בר. 83 — אַפּעלירען נאָך אמאָל אריינצונעהמען א געוויסען מעמבער זייערען אויף דריי מאָנאטען אין סאניטאריום אנשטאט איהם אויסצאָהלען די צווייטע 50 דאָלער קאָנסאָמפּשאָן בענעפיט. (דער בעטרעפענדער איז קראנק געוואָרען אויף קאָנסאָמפּשאָן אין 1907, ווען עס איז נאָך קיין סאניטאריום ניט געווען). די סאניטאריום קאָמיטע האָט צוריקגעוויזען זייער פערלאנג און די גריוועגס קאָמיטע, צו וועמען זיי האָבען נאבהער אַפּעלירט, האָט גוטגעהייסען די האנדלונג פון דער סאניטאריום קאָמיטע.

דער טשערמאָן ערקלערט רעם פערטרעטער פון בר. 83, אז געגען א בעשלוס פון דער גריוועגס קאָמיטע קען מען ניט אַפּעלירען צו דער עקזעקוטיוו, ווייל די גריוועגס קאָמיטע איז יעצט א טהייל פון דער נאציאָנאלער עקזעקוטיווע.

---

פון בר. 600. — לאַדען איין צוויי פערטרעטער צו זייער ערשטען יאהרעס־פעסט וואָס וועט אָבגעהאלטען ווערען אין פּאָבליק סקוהל 91, דעם 19טען יאנואר. — בעשלאָסען צו בעוויליגען זייער פערלאנג. ערוועהלט פריינדע גאָלדינג און יאקאָבי.

---

פון בר. 23, נוארק — ערקלערען, אז זיי האָבען זייער יאהרעס־פעסט זונטאג דעם 27טען יאנואר און לאַדען איין צוויי פערטרעטער פון דער עקזעקוטיווע. — בעשלאָסען בעוויליגען זייער פערלאנג. ערוועהלט פריינדע רינערשטיין און דר. סילווערבערג.

## רעפּאָרט פון סאַניטאַריום קאָמיטע.

פר. גוסקין. טשערמאַן פון דער קאָמיטע, רעפּאָרטעט, אז עס איז פאָרגעקומען א געוויסע ענדערונג אין סאניטאריום און די קאָמיטע האָפט, אז די נאציאָנאלע עקזעקוטיוו קאָמיטע וועט די ענדערונג גוטהייסען.

ער ערקלערט, אז לעצטענס האָט דר. שוואַט אוועקגעשיקט דעם בוך־קיפּער פון סאניטאריום, וועלכער האָט דאָרט געארבייט עטליכע יאָהר, און אָנגעשטעלט אויף זיין פלאץ א מיידעל. נאכהער האָט די קאָמיטע ערפאהרען, אז דיזע בוך־קיפּערין איז דר. שוואט'ס א שוועגערין. זיי האָבען דאַן געלאָזט וויסען דר. שוואַט, אז, ערשטענס, ווילען זיי, דאָס עס זאָל ווידער אָנגעשטעלט ווערען א מאַן־בוך־קיפּער און, צווייטענס, איז די קאָמיטע געגען דעם, אז דיזע בוך־קיפּערין, אלס שוועגערין פון דר. שוואַט, זאָל בלייבען אַרבייטען.

די קאָמיטע וואָס איז געווען אין סאניטאריום האָט זיך דורכגערעדט וועגען דעם מיט דר. שוואט און איהם ערקלערט, אז צוליעב פיעלע אורזאַבען איז ניט ווינשענסווערטה, אז פערוואנדטע פון דאָקטאָר זאָלען ארבייטען אלס אָנגעשטעלטע אין סאניטאריום. דר. שוואַט האָט זיך אָבער ענטזאגט אוועקצושיקען די בוך־קיפּערין, מיט דעם אויסרייד, דאָס ער איז פעראנטוואָרטליך פאר אלע אָנגעשטעלטע. דר. שוואט האָט נאבהער געלאָזט וויסען שריפטליך, אז ער ענטזאגט זיך אוועקצושיקען די בוך־קיפּערין. נאָר אויב די קאָמיטע בעשטעהט דורכאויס אויף איהר פאָדערונג, זאָל דער בריעף זיינער בעטראַכט ווערען אלס רעזיגניישאָן.

פריינד גוסקין זאָגט, אז דר. שוואט האָט לעצטען יאָהר אויך איינינע מאָל רעזיגנירט און גראדע צוליעב קליינינקייטען. די קאָמיטע נעהמענדיג אין אנבעטראַכט די אונטאַקטישע אויפפיהרונג פון דר. שוואַט צו ווארפען יעדעס מאָל דעם גט צו די פיס, האָט בעשלאָסען ריזען מאָל זיין רעזיגניישאָן אָנצונעהמען.

די פאציענטען האָבען אָנפאנגס פערלאנגט אז דר. שוואט זאָל פערבלייבען, ווייל זיי זיינען שוין צוגעוואָהנט געוואָרען צו זיין סיסטעם פון קורירונג א. ר. ג. ווען מען האָט זיי אָבער געגעבען צו פערשטעהען, דאָס אזא אונטאַקטישע אויפפיהרונג פון א דאָקטאָר קען ניט גערולדעט ווערען, דאָס עס איז ניט ווינשענסווערטה, אז נאָהנטע קרובים פון דאָקטאָר זאָלען ארבייטען אלס אָנגעשטעלטע אין סאניטאריום, האָבען די פאציענטען, בעשטעהענר פון אָן אינטעליגענטען עלעמענט, בעגריפען די סיטואציע און אויסגעדריקט זייער צושטימונג מיט דער האנדלונג פון דער סאניטאריום קאָמיטע.

רד. שוואט האָט שוין פערלאָזען דעם סאניטאריום און דר. ל. ראָזענבערג, א מעמבער פון רער מעדיקאָל אדווייזאָרי באָארד, האָט איינגעוויליגט צו פערנעהמען צייטווייליג דר. שוואט'ס פלאַץ. דר. ראָזענבערג איז צוועלף יאָהר געווען דער מעדיקאל סופּעראינטענדענט פון בעדפאָרד סאניטאַריום און איז בעקאנט אלס ספּעציאַליסט אויף טובערקולאָזיס.

אין סאניטאריום איז אלעס אין בעסטען אָרדנונג.

ער ערקלערט, אז די פאציענטען האָבען געסטערען אָבענד אראנזשירט א קאָנצערט לכבוד דעם אָנגעשטעלטען דייוו מארגוליס, וועלכער איז זיעבען יאָהר אין סאניטאריום. דער קאָנצערט איז געווען זעהר א געלונגענער און די פאציענטען האָבען פערבראַכט א פרעהליכען אָבענד.

אין קאָנצערט האָבען אנטייל גענומען דר. ריווקין, מרס. וואנערשטאָק, טשארלי (דער ווייטער) און די פאציענטען שווארצמאַן, פייפער, אבראַמאָוויטש און נאכטמאן.

מואווינג פּיקטשורס ווערען געצייגט פאר די פאציענטען איין מאָל א וואָך, ווי פריהער.

דער רעפּאָרט ווערט גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע.

פריינר דינערשטיין, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, בעריכטעט, אז זיי האָבען בעטראַכט די פראגע וועגען רעפערענדום צו שאַפען א פאָנד פאר דעקען די דיוס פון די געדרעפּטעטע מעמבערס, וועלכע זיינען־אריינגענומען געוואָרען אין ארבייטער רינג ביז יאנואר 1918. די אָרגאניזאציאָנס קאָמיטע גלויבט, אז אויב מען וועט דעקען די דיוס בלויז פון די, וועלכע זיינען אריינגעקומען ביז יאנואר 1918, וועט עס זיין אן אומרעכט געגען די יעניגע וואָס ווען יעצט אריינקומען אין אר. ר. און ווען נאכהער געדרעפּטעט ווערען. זיי רעקאָמענדירען דארום, אז דער רעפערענדום זאָל ארויסגעשיקט ווערען וועגען שאַפען א פאָנד פאר דעקען די דיוס פון אלע געדרעפּטעטע, וועלכע זיינען געווען אם

וועניגסטען זעקס מאָנאַטען מעמבערס פון אַרבייטער רינג און געצאַהלט דיום פאר צוויי קוואַרטאַלען.

זיי האָבען לעצטענס געהאט אַ געמיינשאַפטליכען מיטינג מיט דער עדיוקיישאַנאַל קאָמיטע און פערהאַנדעלט די פראגע, ווי אויסצונוצען גענאָסע דר. גורעוויטש'עס לעקטשור טור פאר אָרגאַניזאַציאָנס צוועקען. זיי זיינען געקומען צו אַ פערשטענדניס, דאָס געג. גורעוויטש זאָל אומעטום נאָכ'ן לעקטשור אָבגעבען 15—10 מינוט צו רעדען אין אַלגעמיין וועגען אַרבייטער רינג, ווייל אין די פריהערדיגע יאָהרען פלעגט דער לעקטשורער זיך אָברעדען אויף זיין טהעמאַ און פיעלע פון די צוהערער האָבען זאָגאַר ניט געוואוסט פון וועמען דער לעקטשור איז אַראַנזשירט געוואָרען.

ער רעפּאָרטעט, אַז פר. זאַלצמאַן איז אויף זייער פאָרשלאַג געווען פערטראַטען ביי בר. 603, פּאַוקיפּסי. ווי פר. זאַלצמאַן האָט איבערגעגעבען איז די אונטערנעהמונג דאָרט געווען זעהר אַ שעהנע און זיי האָבען אויפ'ן פּלאַץ געשאַפען 25 דאָלער פאר די מלחמה קרבנות.

פריינדע עפּשטיין און צוקער זיינען געווען ביי דער אייזען אַרבייטער יוניאָן צו אַדרעסירען זיי וועגען אַנשליסען זיך אָן אַרבייטער רינג. עס איז ביי זיי געווען אַ גרויסער מיטינג און זיי האָבען געהאַט אייגענע וויכטיגע יוניאָן פראַגען צו פערהאַנדלען. מען האָט זיי געבעטען צוקומען צום נעקסטען מיטינג.

עס זיינען שוין ערהאַלטען געוואָרען די פאַונטען פּענס, מיט וועלכע מען וועט פּרעזענטירען יעדען איינעם, וואָס וועט פאָרשלאָגען 5 נייע מעמבערס.

זיי האָבען בעשטימט צו דרוקען אַ פאָלדער אויף 4 זייטען מיט אייניגע פאַקטען וועגען אַרבייטער רינג. 75 טויזענד עקזעמפּלאַרען וועלען זיין אין אידיש און 25 טויזענד אין ענגליש. דער פאָלדער וועט אויף דער לעצטער זייט ענטהאַלטען אַ קאַלענדער פאַר 1918.

פּיטסבורג און באַלטימאָר האָבען זיך גענומען ענערגיש פאַר דער אַרבייט פון מעמבערשיפּ קאַמפּיין און עס איז צו ערוואַרטען, אַז זיי וועלען יעצט זיין ניט וועניגער ערפאָלגרייך ווי לעצטען יאָהר.

פר. עפּשטיין האָט אינסטאַלירט דעם נייעם ברענטש אין קוני איילאַנד, וועלכער פערשפּרעכט צו זיין אַ גוטער ברענטש. די אידישע בעפעלקערונג איז אין קוני איילאַנד היבש געוואַקסען פאַר די לעצטע עטליכע יאָהר און זיי האָבען דאָרט אַ פעלד פאַר טהעטיגקייט.

פר. גערשאָנאָף האָט געדאַרפט זיין פערטראַטען ביי דעם יאָהרעס־פעסט פון בר. 138, פילאַדעלפיא. ער האָט אָבער ניט געקענט פאָהרען און פר. מ. מאלאַט האָט פערנומען זיין פּלאַץ.

דער אַרב. רינג כאָר האָט געמאַכט אויפמערקזאַם, אַז זיי וועלען אַראַנזשירען אַ רייהע קאָנצערטען אין פערשיעדענע טהייַלען פון ניו יאָרק און דאָס מען קען דיזע אויסנוצען אַלס אַגיטאַציאָן פאַר'ן אַרבייטער רינג: אַ פערטרעטער פון דער עקזעקוטיוו זאָל ביי דיזע קאָנצערטען רעדען אַ 15—10 מינוט וועגען די ציעלען און אויפגאַבען פון אַרבייטער רינג. די אָרג. קאָמיטע האָט בעשלאָסען זיך צו בענוצען מיט דער געלעגענהייט.

פר. וואָלאָוויץ איז לעצטענס אַרויסגעשיקט געוואָרען אויף אַ קורצען טור צו בעזוכען ברענטשעס אין אַ רייהע שטעדט. פריינד וואָלאָוויץ'ס רעפּאָרט איז ווי פאָלגט:

אין סיראַקיוז האָט ער געהאט אַ דזשאָינט מיטינג, וועלכער איז געווען ניט שלעכט בעזוכט. ער האָט זיך מיט זיי דורכגערעדט וועגען דער צוקונפטיגער אָרגאַניזאַציאָנס אַרבייט. די סיטי קאָמיטע טהוט יעצט גאָר ניט קיין אַרבייט, ווייל זיי זיינען פערנומען מיט דער קאָ־אָפּעראַטיווע בעקעריי. עס איז אויסגעדריקט געוואָרען אַ שטאַרקע צופריעדענהייט, וואָס די נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט אונטערנומען דעם קאַמפּיין פאַר צעהן טויזענד נייע מעמבערס. זיי האָבען ערוועהלט אַ קאָמיטע פון 9, וועלכע זאָל צוזאַמען מיט דער סיטי קאָמיטע אָנפיהרען דעם קאַמפּיין פאַר נייע מעמבערס.

ער האָט זיך אָבגעשטעלט אויף דער פראַגע פון בענעפיט און זיי געזאָגט צו זעהען זיין פּאָרזיכטיג אין אויסצאָהלען בענעפיטס. ער האָט אויך געהאט אַ מיטינג מיט דער סיטי קאָמיטע און זיך דורכגערעדט וועגען די עדיוקיישאַנאַל אַרבייט, וואָס קען געטהאָן ווערען. זיי האָבען פערשפּראָכען צו זעהען ערוועהלען גוטע מענשען, וואָס זאָלען קענען האַלטען בעסערע און איינלייטונגען.

אין באַפּאַלאָ האָט ער געהאט אַ מיטינג מיט דער סיטי קאָמיטע. פיעל צייט איז אָבער דאָרט אָבגעגעבען געוואָרען צו שליכטען אַ טראָבעל אין אַ ברענטש. דער ברענטש האָט מיט אַ צייט צוריק געפייערט די רוסישע רעוואָלוציאָן און בעשלאָסען דעם פּראָפיט פון דער אונטערנעהמונג איבערשיקען אין רוסלאַנד. נאָכהער אָבער האָבען זיי געפאָדערט פון טרעזשורער די 50 דאָלער פּראָפיט פאַר אַ ס. ל. פ. צייטונג. דער טרעזשורער האָט זיך דערפון ענטזאָגט. ער האָט געוואָלט אויסלייהען 50 דאָלער פון זיין פּאָקעט, נאָר מען זאָל דאָס געלד ניט אַרויסנעהמען, ווייל עס איז בעשטימט געוואָרען פאַר אַ גאַנץ אַנדערען צוועק. דער ברענטש האָט איהם געסטראַשעט, אַז זיי וועלען פאָדערען דאָס געלד דורך דער באַנק קאָמפּאַניע. דער טרעזשורער האָט דאַן אַרויסגעגעבען די 50 דאָלער און בעליידיגט דערביי דעם ברענטש. פאַר די בעליידיגונג האָט דער ברענטש איהם בעשטראָפט מיט 50 דאָלער. פריינד וואָלאָוויץ האָט רעקאָמענדירט דער סיטי קאָמיטע צו אונטערזוכען גענוי די גאַנצע אַנגעלעגענהייט און בעריכטען צו דער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע.

אין איריע, פּאַ., איז פאָרגעקומען אַ מיספערשטענדניס וועגען אַראַנזשירען דעם מיטינג און ער האָט ביי זיי ניט געקענט אָנוועזענד זיין. ער האָט אינסטרואירט דעם ברענטש צו האָבען אַ דזשאָינט מיטינג, ווען ער וועט פאָהרען צוריק קיין ניו יאָרק (מיטוואָך, דעם 12טען דעצעמבער).

אין קליוולאַנד האָט ער געהאט אַ מיטינג מיט דער סיטי קאָמיטע צוזאַמען מיט אייניגע אַקטיווע טהוער פון שטאָדט. ער האָט זיי אָנגעצייגט, אַז קליוולאַנד מיט אַ אידישער בעפעלקערונג פון 100 טויזענד האָט געדאַרפט האָבען מעהר מעמבערס, ווי זיי האָבען יעצט. זיי האָבען געבעטען צו שיקען אַן אָרגאַנייזער אויף אַ וועניגסטענס אַ מאָנאַט, און דאַמאָלס וואָלטען זיי געקענט טהאָן אַרבייט. ער האָט אויך געהאט אַ דזשאָינט מיטינג, וועלכער איז געווען שוואַך בעזוכט, ווייל דעם זעלבען אָבענד איז אויך געווען אַ מיטינג פון דער קאָ־אָפּעראַטיווער בעקעריי, וואָס איז געגרינדעט געוואָרען פון די אַקטיווערע אַר. ר. טהוער. ער האָט צו זיי גערעדט וועגען דעם קאַמפּיין פאַר צעהן טויזענד נייע מעמבערס. ער האָט זיי אויך געראַטען צו אַראַנזשירען דיסקוסיאָנען און פערזאַמלונגען, כדי אויפצולעבען די אַרבייט צווישען די ברענטשעס. פריינד וואָלאָוויץ איז מיט דער מיינונג, אַז עס איז דאָרט דאַ אַ ברייט פעלד פאַר צוקריגען נייע מעמבערס, נאָר די אָרטיגע טהוער נוצען ניט אויס די געלעגענהייט.

אין אייקראָן, אָהייאָ, האָט ער געהאט אַ גוט־בעזוכטען

מיטינג. די פראגען וועגען ארגאניזאציאנס ארבייט זיינען ערנסט פערהאנדעלט געווארען און א גרויסע צאהל האט זיך בעטהייליגט אין די דעבאטען. פר. וואלאווין האט דארט אויך גערעדט וועגען פראגען, וואס האבען א שייכות מיט בענעפיט און וועגען דער עדיוקיישאנאל ארבייט. זיי האבען בעדאנקט די עקזעקוטיווע פאר שיקען צו זיי א פערטרעטער. זיי האבען פערלאנגט צו זעהען שיקען צו זיי א בעגריסער צום יאהרעס־פעסט, וואס וועט שטאטפינדען דעם 30טען אפריל. פר. וואלאווין האט זיי ערמוטהיגט צו זעהען ביז דעם יאהרעס־פעסט קריגען 100 נייע מעמבערס.

אין קענטאן, אהייא, האט ער אטענדעט א מיטינג פון ברענטש און זיך דורכגערעדט מיט זיי וועגען געפינען מיטלען, ווי אויפצולעבען די טהעטיגקייט. זיי פעהלט אייגענטליך טהוער, ווייל די מיהרסטע פון זיי זיינען פערנומענע מענשען. דער ברענטש האט איהם געגעבען זעהר א ווארימע און פריינדליכע אויפנאהמע.

אין טאלידא איז ער געקומען צו שפעט, ווייל די באהן האט זיך צוליעב א שנעע־שטורם פערשפעטיגט אויף אונגעפעהר אכט שטונדען. ער האט אבער א גרויסע טהייל פון די מעמבערס געטראפען אין הויז פון פריינד פריענד, געוועזענער דירעקטאר פון אהייא סטייט, און זיך מיט זיי דורכגערעדט וועגען ארגאניזאציאנס ארבייט. זיי צווייפלען אויב זיי וועלען קענען עפעס אויפטהאן, ווייל ביי זיי הערשט יעצט א געוואלדיגע ארבייטסלאזיגקייט.

אין דעיטאן, אהייא, איז קיין מיטינג ניט גערופען געווארען. איינציגע מעמבערס זיינען זיך צוזאמענגעקומען אין א הויז פון א געוויסען פריינד און מען האט זיך דארט צוזאמענגערעדט וועגען דעם, וואס עס קען געטהאן ווערען. דער פריהערינגער סעקרעטער איז אוועקגעפאהרען פון דעיטאן און זיין ברודער פערנעהמט זיין פלאץ. ער האט אבער ניט קיין צייט צו שענקען גענוג אויפמערקזאמקייט זאגאר צו פיהרען די ביכער.

אין קאלאמבוס, אהייא, איז דער מיטינג געווען גוט בעזוכט, און מען האט איהם געגעבען א פריינדליכע אויפנאהמע. ער האט גערעדט וועגען מעמבערשיפ קאמפיין און סאנאטאריום רעליעף טאג. זיי האבען ערוועהלט א קאמיטע וואס זאל זיך ספעציעל אבגעבען מיט דעם קאמפיין פאר נייע מיטגליעדער און א צווייטע קאמיטע פאר עדיוקיישאנאל ארבייט.

אין יאנגסטאן, אהייא, איז קיין מיטינג ניט געווען, ווייל דער סעקרעטער האט גאר ארגאניזירט דעם מיטינג אויף א צווייטען דייט (דער סעקרעטער האט עס ארגאניזירט אויף דעם 14טען אנשטאט דעם 11טען דעצעמבער צוליעב א מיספערשטענדניס.)

אויפ'ן וועג צוריק אין ניו יארק איז ער געווען אין איריע, פא. דארט זיינען דא ארום 150 אידישע פאמיליעס און דער ברענטש בעשטעהט פון 80 מעמבערס. קיין ברייט פעלד פאר טהעטיגקייט איז פערשטענדליך ניטא. זיי וואלטען אבער יא געקענט טהאן פיעל געזעלשאפטליכע ארבייט, ווען עס וואלט געווען איין ברענטש אנשטאט צוויי, און די קרעפטען זאלען זיין קאנצענטרירט. ער האט זיך דורכגערעדט מיט מעמבערס פון ביידע ברענטשעס און ער דענקט, אז עס איז דא א מעגליכקייט, אז זיי זאלען זיך פעראייניגען. ביים דזשאינט מיטינג האט ער גערעדט וועגען דער פעראייניגונג פון ביידע ברענטשעס און עס איז ערוועהלט געווארען א קאמיטע פון זיעבען, צו דריי פון יעדען ברענטש, מיט איהם אלס טשערמאן. די קאמיטע האט אויסגעארבייט געוויסע פונקטען, וועלכע וועלען ווארשיינליך אנגענומען ווערען פון ביידע ברענטשעס. פר. וואלאווין האט זיי אבער אויפמערקזאם געמאכט, אז די פעראייניגונג קען ניט שטאטפינדען איידער זיי קריגען די צושטימונג פון דער נאציאנאלער ארגאניזאציאנס קאמיטע.

עס ווערט בעשטימט אנצונעהמען די רעקאמענדיישאן פון דער ארגאניזאציאנס קאמיטע אין בעצוג דעם רעפערענדום וועגען שאפען א פאנד צו דעקען די דיוס און אויך פאר אלגעמיינע שטיצע פון די נעדרעפטעטע, וואס זיינען זעקס מאנאטען מעמבערס פון אר. רינג.

דער רעפארט ווערט דאן גוט געהייסען.

## רעפארט פון דער בענעפיט קאמיטע.

פריינד גאלדינג, טשערמאן פון דער קאמיטע, בעריכטעט, אז אין א ניו יארקער ברענטש איז א געוויסער מעמבער קראנק געווען 13 וואכען צייט. אין הויז איז ביי איהם נאכהער געווען א שרפה און די סערטיפיקייטס זיינען פערברענט געווארען. די ערשטע עטליכע וואכען האט זיך דער בעטרעפענדער קורירט ביי דעם פערשטארבענעם מעדיקאל עקזאמינער, דר. גרינבערג, און עס איז פאר איהם געווען אונמעגליך צו צושטעלען דופליקייט סערטיפיקייטס. די בענעפיט קאמיטע האט אונטערזוכט די אנגעלעגענהייט און, אויסגעפונענדיג, אז דער בעטרעפענדער איז ווירקליך קראנק געווען, האט זי בעשלאסען אויסצוצאהלען די בענעפיט אויף אן אפיציעלע בעשטעטיגונג פון ברענטש.

די מעדיקאל אדוויזארי באארד האט רעקאמענדירט איינצופיהרען „יורין עקזאמינייישאן". זיי האבען אנגעדייטעט, אז אויף הארץ קראנקהייטען ווערט אויסגעצאהלט 200—300 דאלאר א קווארטאל און אויף ניערען קראטקהייט צאהלט מען אויס 900—1000 דאלאר א קווארטאל. די דאקטוירים זיינען מיט דער מיינונג, אז דאס איז דערפאר, ווייל ביים ארייננעהמען נייע מעמבערס, ווערט די הארץ יא עקזאמינידט. ווען מען וואלט אבער געהאט א „יורין עקזאמינייישאן", וואלט די בענעפיט אויף ניערען קראנקהייט פערקלענעדט געווארען. די בענעפיט קאמיטע האט בעשטימט צו ברענגען צום קאנווענשאן די פראגע וועגען איינפיהרען יורין עקזאמינייישאן.

די מעדיקאל אדוויזערי באארד האט אויך רעקאמענדירט איינצופיהרען, אז מעמבערס פון 40 יאהר און עלטער זאלען קריגען איין פרייע מעדיצינישע עקזאמינייישאן א יאהר. זיי גלויבען, אז דאס קען ברענגען גוטע רעזולטאטען אין היגזיכט פון פערהיטען דאס געזונד פון די מיטגליעדער.

די בענעפיט קאמיטע דענקט, אז די רעקאמענדיישאן קען יעצט ניט גענומען ווערען אין אנבעטראכט, ווייל איצט איז ניט די צייט איינצופיהרען נייע בענעפיטס.

פר. גאלדינג ערקלערט, אז זיי האבען לעצטענס פערגופען קאנפערענצען פון סעקרעטערע און האספיטעלער פון הארלעם און בראנקס, וויליאמסבורג און בראנזוויל און אויך פון נוארק, נ. דזש.

די קאנפערענצען זיינען אומעטום געווען גוט בעזוכט און ביי מאנכע פון זיי זיינען אויך געווען פערטראטען מעמבערס פון דער מעדיקאל אדוויזערי באארד. די פראגע וועגען דזשענעראל האספיטעלער איז כמעט אומעטום פערווארפען געווארען. צו דער פראגע וועגען דיסטריקט דאקטוירים האט מען זיך בעצויגען אנדערש. ביי איינציגע קאנפערענצען איז אויסגעדריקט געווארען דער געדאנק, אז דיסטריקט דאקטוירים וואלטען געווען ווינשענסווערטה, אבער צו דער זעלבער צייט האט זיך געפיהלט, דאס דער עולם צווייפעלט אין דער ניצליכקייט פון דער רעפארמע.

אין בעצוג אן אינוואלידען פאנד זיינען אלע געווען איינשטימיג, דאס אזעלכער דארף געשאפען ווערען. ביי די קאנפערענצען האט זיך אויך ארויסגעצייגט, אז דער בענעפיט דעפארטמענט ווערט פון אפיס פינקטליך אטענדעט.

פר. גאלדרינג בעריכטעט, אז די קאמיטע האט געהאט א ספעציעלע זיצונג און אנגענומען פאלגענדע טרויער רעזאלוציאן נאכ'ן טויט פון דר. פאול קאפלאן:

„די נאציאנאלע בענעפיט קאמיטע פון ארבייטער רינג דריקט אויס א טיעפען טרויער אויף דעם טויט פון דר. פאול קאפלאן, דעם בעליעבטען און אויפריכטיגען ארבייטער פריינד, וועלכער האט זיין גאנצען לעבען אוועקגעגעבען פאר דער גרויסער זאך פון העלפען בעפרייען דעם ארבייטער קלאס פון זיין יעצטיגער שקלאפעריי.

„מיר בעדויערען אויך זיין טויט אלס עהרען בעאמטען פון ארדען — אלס מעמבער פון מעדיקאל אדווייזערי באארד. מיט זיין ערנסטקייט און טרייהייט האט ער פיעל מיטגעהאלפען אין דער שעצבארער ארבייט פון דער מעדיקאל אדווייזערי באארד צום וואהל און בעסטען פון ארבייטער רינג. עהרע זיין אנדענקען".

בעריכט פון דער בענעפיט קאמיטע ווערט גוט געהייסען.

## רעפארט פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע.

פריינד זאלצמאן, וויס־טשערמאן פון דער קאמיטע, בעריכטעט, אז צוליעב דעם וואס עס איז ניטא קיין רעדאקטאר פון „פריינד" איז זיי אויסגעקומען אבצוגעבען פיעל צייט אויף רעדאגירען דעם זשורנאל. זיי וועלען זיך אבער אין פערלויף פון נעקסטען מאנאט אריינטראכטען אין דער פראגע וועגען אנשטעלען א רעדאקטאר, אדער פיליכט קאמבינירען, אז דער רעדאקטאר זאל אויך זיין דער סעקרעטער פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע.

ער ערקלערט, אז ברענטש 275, וואו גענאסע מ. טערמאן איז געווען א מיטגליעד, האט זיך געווענדעט צו דער עדיוקיישאנאל קאמיטע מיט דעם פערלאנג, דאס דער ארבייטער רינג, די אידישע סאציאליסטישע פעדעראציע, דער „פארווערטס" אסאסיאיישאן און די „צוקונפט" זאלען זעהן, אויב עס איז מעגליך צו שאפען אן אנדענקונג אויף גענ. טערמאן'ס נאמען. א סאב קאמיטע איז ערוועהלט געווארען; אבער בר. 275 האט מעהר ניט געלאזט וויסען, אז זיי זאלען האבען גענומען ווייטערע שריטע אין דעם הינזיכט.

דער לעקטשור טור מיט גענ. דר. מ. גורעוויטש איז שוין ארגאניזירט און ער וועט אין איינציגע טעג ארום ארויספאהרען אויפ'ן טור.

זיי גרייטען זיך צו געבען א צאהל לעקטשורס מיט קאנצערטען אין פיער פערשיעדענע טהיילען פון ניו יארק. עס איז אבער דא א שוועריגקייט צו קריגען פאסענדע האללס פאר די בעשטימטע דייטס.

דריי קורסען פון פאלקס אוניווערזיטעט וועלען אין גיכען ווידער ערעפענט ווערען. דאס וועט זיין „פאליטישע עקאנאמיע" — לעהרער, א. ש. זאקס; „סיוויקס" — לעהרער, הלל ראגאף; אידיש — לעהרער, י. לעווין.

דער ניי־נעגרינדעטער ארב. רינג ארקעסטער געהט ווייטער אן מיט די פראבען יעדע וואך און וועט וואהרשיינליך אין גיכען ארגאניזירט ווערען אלס ברענטש פון ארב. רינג.

די „פרייע אידישע פאלקס ביהנע", בר. 555, שטודירט יעצט א נייע פיעסע: „מאן און ווייב", פערפאסט פון א. זעלדין, און זיי וועלען זי קירצליך אויפפיהרען אין איינעם פון די אידישע טהעאטערע אין ניו יארק.

נאך דעם ווי עס ווערען געשטעלט אייניגע פראגען, ווערט דער רעפארט גוט געהייסען.

## רעפארט פון דער אפיס קאמיטע.

פריינד דייווידאף, וויס־טשערמאן פון דער קאמיטע, בעריכטעט, אז עס זיינען געארדערט געווארען 100 טויזענד נייע סיק בענעפיט סערטיפיקייטס.

א געוויסער ברענטש איז שולדיג געבליבען אין אפיס 73 דאלאר, און דיזע סומע האבען זיי א שארטיידזש פון זייער פריהערדיגען סעקרעטער. דער אפיס האט געפאדערט ביים ברענטש אריינצושיקען די ביכער אין אוידיטינג דעפארטמענט צו אונטערזוכען.

דאס דרוקען פון „פריינד" איז אויף נעקסטען יאהר ווידער געבליבען ביי דער סטראטהמאר פרעסס.

באנדס זיינען געקויפט געווארען פאר 35 טויזענד דאלאר. פר. דאווידאף דייטעט אן, אז דער מארקעט פרייז פון די באנדס איז לעצטענס עטוואס געפאלען.

דער אוידיטינג דעפארטמענט האט יעצט א היבשע צאהל ברענטש ביכער צו אונטערזוכען און דער אוידיטאר, פר. קאהן, איז נאך אלץ קראנק. צוליעב דער איינפיהרונג פון פראטוירנאל רייטס איז אבער ווינשענסווערטה, אז וואס מעהר ביכער פון ברענטשעס זאלען געבראכט ווערען אין ארדנונג און די אפיס קאמיטע האט דארום בעשלאסען צו זעהן קריגען א צווייטען אוידיטאר. אויב פר. קאהן וועט וועלען צוריקקומען ארבייטען, ווען ער וועט געזונד ווערען, וועט זיין אפליקיישאן גענומען ווערען אין אנבעטראכט.

די שכירות פון די אנגעשטעלטע פון אפיס איז געהעכערט געווארען פון צוויי ביז דריי דאלאר א וואך.

די פארמערס לאאן און טראסט קאמפ., ביי וועמען אין באנק מיר האבען אלע מאל א גרויסען דעפאזיט, האט געלאזט וויסען, אז זיי וועלען צאהלען 3% אינטערעסט אנשטאט 2½% ווי ביז יעצט.

ביים איינפיהרען די סיסטעם פון פראטוירנאל רייטס האט זיך ארויסגערוקט די פראגע ווי צו טרענספערירען א מעמבער אין א העכערען קלאס נאכדעם ווי ער איז געווען עטליכע יאהר א מיטגליעד אין א ניעדריגערען קלאס: צי רעכענען בעזונדער די ערשטע אינשורענס לויט דער פריהערדיגער עלטער און די צווייטע אינשורענס לויט די יעצטיגע יאהרען, אדער געפינען א מיטעל־מאטעמאטישען ציפער פאר די אלגעמיינע טשארדזשעס. די אפיס קאמיטע האט בעשלאסען צו רעכענען די אסעסמענט פון מארטשוערי פאנד, אין אזעלכע פעלע, לויט די רייטס פון ביידע יאהרען.

א געוויסער מעמבער עט לארדזש, א געוועזענער מעמבער פון בר. 70, האט זיך צו זיי געווענדעט נאך שטיצע. דער בעטרעפענדער האט אבגענומען די $100 קאנסאמפשאן בענעפיט און אויך פאר די דריי יאהר בענעפיט אויף קאנסאמפשאן. דער פריינד האט ערקלערט, אז ער האט זיך יעצט ניט צו וועמען צו ווענדען נאך שטיצע, אויסער צום אפיס. די אפיס קאמיטע האט בעשלאסען צו ברענגען די פראגע צו דער עקזעקוטיוו.

בר. 3 האט פערלאנגט, אז אין „פריינד" זאל פערעפענטליכט ווערען ווי די ברענטשעס האבען געשטימט דעם רעפערענדום וועגען פראטוירנאל רייטס. די אפיס קאמיטע האט בעשלאסען זייער פערלאנג צו בעווילינגען.

אונזער עקטשועורי, מר. עלדרידזש, האט געלאזט וויסען, אז מיט די פראטוירנאל רייטס וואס זיינען יעצט דורכגעגאנגען, וועט רער ארב. רינג האבען א מעגליכקייט צו ווערען געזעצליך אין אלע שטאאטען, אזוי שנעל ווי דער וועליואיישאן רעפארט פון יאהר 1917 וועט זיין פערטיג. די אפיס קאמיטע האט געהאט וועגען דעם א בעראטהונג מיט אונזער ליגעל אדווייזער, מאיר לאנדאן. עס איז בעשלאסען געווארען, אז די ליגעל קאמיטע, צוזאמען מיט'ן סעקרעטער זאלען שטעהן אין ענגע פערבינדונגען מיט דעם ליגעל אדווייזער און זעהן, אז די לעגאליזירונג זאל דורכגעפיהרט ווערען אזוי שנעל ווי מעגליך.

---

דער טשערמאן, פר. עפשטיין, ערקלערט, אז אין בעצוג דעם מעמבער עט לארדזש קען די עקזעקוטיוו קאמיטע ליידער גאר ניט טהאן.

אויף דעם פארשלאג פון פריינד גערשאנאף ווערט בעשלאסען צו ערוועהלען א ליגעל קאמיטע פון דער גאנצער עקזעקוטיוו. עס ווערען ערוועהלט פריינדע עפשטיין, דיגווידאף, גערשאנאף, וואלבערג און צוקער.

דער רעפארט פון דער אפיס קאמיטע ווערט דאן גוט געהייסען.

## רעפארט פון דער גריוועגס קאמיטע.

פריינד וויינבלאט, טשערמאן פון דער קאמיטע, בעריכטעט, אז זיי האבען מיט א געוויסע צייט צוריק בעשטראפט מיט $50 א מעמבער פון א ברענטש אין ניו דזשערזי פאר בלייבען ארבייטען אין א שאפ, וואו עס איז ערקלערט געווארען א סטרייק. דער ברענטש האט נאכהער אנגעפרעגט, אויב דער בעטרעפענדער האט געמעגט שטימען אין דער פראגע וועגען די בעדינגונגען ווי ער זאל דיזע שטראף אויסצאהלען. דער ברענטש האט בעשלאסען, אז ער זאל אויסצאהלען די 50 דאלאר צו איין דאלאר א וואך. דער בעטרעפענדער האט פערלאנגט, אז מען זאל דאס איבערמאכען אויף 25 דאלאר אויסצוצאהלען אין דריי קווארטאלען, אדער די גאנצע 50 דאלאר אויסצוצאהלען צו פיער דאלאר א קווארטאל. פאר 50 דאלאר זיינען אבגעגעבען געווארען 5 שטימען, געגען 50 דאלאר זיינען אבגעגעבען געווארען 4 שטימען. צווישען די 5 איז אויך געווען די שטימע פון דעם בעשטראפטען.

זיי האבען בעשלאסען צו ענטפערן דעם ברענטש, אז די גריוועגס קאמיטע איז מיט דער מיינונג, אז א מעמבער, אזוי שנעל ווי ער ווערט רעאינסטייטעט, האט ער אלע רעכטע צו שטימען אין ברענטש ביז זיין אפיעל ווערט ענטשיידעט. אבער אזוי לאנג ווי די ענטשיידונג איז ארויסגעגעבען געווארען קען ער אין דער פראגע וועגען זיין אייגענער שטראף ניט שטימען. ערשטענס, ווייל ווי דאס האט געציינט אין זייער פאל, קען דער בעטרעפענדער האבען די מאכט צו ענטשיידען די פראגע, ווי ער אליין וועט וועלען. צווייטענס, קען א בעשטראפטער זיך פערטהיידיגען, ער קען אבער ניט זיין קיין דזשוראר פאר זיך אליין און ווירקען ווי די ענטשיידונג זאל ארויסגעגעבען ווערען.

פר. וויינבלאט גיט איבער, אז פריינד פיינערמאן, דער סעקרעטער פון דער פראטוירנאל רייטס קאמיטע האט אפעלירט געגען א סעקרעטער פון א געוויסען נויארקער ברענטש פאר פעלשען דעם באלאט וועגען פראטוירנאל רייטס. (אין ברענטש זיינען אבגעגעבען געווארען 14 שטימען פאר פראטוירנאל רייטס און 17 שטימען געגען. אויפ'ן באלאט איז אנגעגעבען געווארען 12 שטימען דאפיר און 27 געגען.) דער סעקרעטער פון ברענטש האט ערקלערט, אז ער האט פערלארען דאס פאפיערל, אויף וועלכען עס איז געווען אויפגעשריבען די צאהל אבגעגעבענע שטימען און'ניט געדענקענדיג געגוי די ציפערען און זייענדיג א געגנער פון פראטוירנאל רייטס, האט ער אנגעגעבען א צאהל וואס זאל זיין גינסטיג געגען פראטוירנאל רייטס. דער טשערמאן פון מיטינג, ביי וועלכען עס איז געשטימט געווארען די פראגע וועגען פראטוירנאל רייטס, האט בעשטעטיגט, אז דער רעזולטאט פון דער אבשטימונג איז געווען 14 דאפיר און 17 געגען. ער האט אזוי אנגעשריבען מיט א פענסיל אויפ'ן באלאט און איבערגעגעבען צום סעקרעטער. בעטראכטענדיג דעם באלאט ביי דער הירינג, האט דער טשערמאן געזאגט, אז די יעצטיגע ציפערען זיינען ניט זיין האנדשריפט. די גריוועגס קאמיטע האט בעשלאסען צו ערקלערען דיזען באלאט אלס געפעלשט און אויפפאדערען דעם ברענטש צו נעהמען א שטעלונג געגען דער האנדלונג פון סעקרעטער.

דער רעפארט ווערט גוט געהייסען.

## פ. געליעבטער וויעדער ערוועהלט אלס רעקארדינג סעקרעטער.

פריינד פ. געליעבטער ווערט איינשטימיג וויעדער ערוועהלט אלס רעקארדינג סעקרעטער פון ארב. רינג אויפ'ן נעקסטען יאהר — פון יאנואר 1918 ביז יאנואר 1919.

ער בעדאנקט אין אייניגע ווערטער די נאציאנאלע עקזעקוטיוו פאר דעם צוטרוי וואס ער האט געקראגען און פאר די וויעדער־ערוועהלונג.

## טשערמאן'ס רעפארט.

פריינד אב. עפשטיין בעריכטעט, אז די פובליסיטי איז דיזען מאנאט געווען אינטענסיווער ווי לעצטען מאנאט. עס איז עטליכע מאל א וואך ערשיענען נייעס וועגען א. ד. רעליעף ארבייט אדער וועגען דעם קאמפיין פאר צעהן טויזענד נייע מעמבערס.

ער ערקלערט, אז דורך א פערזעהן איז צו דער ספעשעל קאנווענשאן פון דער קעפ־מייקער יוניאן ניט געשיקט געווארען קיין בעגריסונגס טעלעגראמע. אויף זיין רעקאמענדיישאן ווערט בעשלאסען צו שרייבען זיי א בריעף און אויסדריקען אונזער סימפאטיע אין זייער יעצטיגען בראווען קאמפף מיט דער אמעריקאן פעדערעישאן אוו לייבאר.

ער איז געווען ביי די זיצונגען פון דער נעשאנאל באארד אוו דירעקטארען און בעריכטעט אין נאמען פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיווע. ער האט זיי ערקלערט, אז לעצטען יאהר האט צווישען דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו קאמיטע און דער נעשאנאל באארד אוו דירעקטארען געהערשט די פריינדליכסטע בעציהונגען און אויסגעדריקט די האפנונג, אז אזעלבע בעציהונגען וועלען אויך אנגעהאלטען ווערען דיזען יאהר.

דער רעפארט ווערט גוט געהייסען.

פ. געליעבטער, רעקארדינג סעקרעטער.

---

## פעהלער אויסבעסערונג.

אין דעם רעפארט פון דער נאצ. עקזעקוטיוו פון 9טען דעצעמבער (זעה יאנואר נומער „פריינד", זייט 28), לעזט זיך: „עס ווערט בעשלאסען צו רופען די נאמינייטאן קאנפערענץ פאר דעלעגאטען צום קאנווענשאן, זונטאג, דעם 17טען פעברואר". עס דארף זיך לעזען: עס ווערט בעשלאסען צו רופען די נאמינייטאן קאנפערענץ פאר קאנדידאטען צו דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו קאמיטע.

# ווי די ברענטשעס האָבען געשטימט וועגען „פּראַווינצאַל רייטס"

| בראַנטש | דאפיר | געגען |
|---|---|---|
| בר. 1 | 5 | 91 |
| בר. 2 | 2 | 386 |
| בר. 3 | 10 | 316 |
| בר. 4 | 10 | 98 |
| בר. 5 | 13 | 8 |
| בר. 6 | 10 | 77 |
| בר. 7 | 17 | 23 |
| בר. 8 | 17 | 2 |
| בר. 9 | 63 | 12 |
| בר. 10 | 1 | 36 |
| בר. 11 | 7 | 52 |
| בר. 12 | 51 | 12 |
| בר. 13 | 51 | — |
| בר. 14 | 25 | 4 |
| בר. 15 | 427 | 5 |
| בר. 16 | 18 | 11 |
| בר. 17 | 51 | 3 |
| בר. 18 | 50 | 1 |
| בר. 19 | 97 | — |
| בר. 20 | 18 | 35 |
| בר. 21 | 10 | 27 |
| בר. 22 | 18 | 9 |
| בר. 23 | 64 | 3 |
| בר. 24 | 8 | 24 |
| בר. 26 | 24 | — |
| בר. 27 | 94 | 4 |
| בר. 28 | 7 | 28 |
| בר. 29 | 73 | 9 |
| בר. 30 | 6 | 22 |
| בר. 32 | 24 | 5 |
| בר. 33 | 13 | 4 |
| בר. 34 | 5 | 18 |
| בר. 35 | 15 | 1 |
| בר. 36 | 31 | 1 |
| בר. 37 | 19 | 4 |
| בר. 39 | 2 | 10 |
| בר. 40 | 5 | 42 |
| בר. 42 | 52 | 4 |
| בר. 43 | 30 | 26 |
| בר. 44 | 32 | 7 |
| בר. 45 | 81 | 24 |
| בר. 46 | 23 | 1 |
| בר. 47 | 22 | 30 |
| בר. 48 | 100 | 14 |
| בר. 49 | 128 | 3 |
| בר. 50 | 15 | 56 |
| בר. 51 | 31 | 6 |
| בר. 52 | 39 | 11 |
| בר. 53 | 10 | 23 |
| בר. 54 | 15 | 14 |
| בר. 55 | 16 | 2 |
| בר. 56 | 5 | 14 |
| בר. 57 | 11 | — |
| בר. 60 | 15 | 2 |
| בר. 61 | 23 | — |
| בר. 62 | 14 | 4 |
| בר. 63 | 43 | 1 |
| בר. 64 | 22 | 2 |
| בר. 65 | 24 | 8 |
| בר. 66 | 17 | 1 |
| בר. 67 | 11 | 26 |
| בר. 68 | 4 | 12 |
| בר. 69 | 24 | 11 |
| בר. 70 | 31 | 2 |
| בר. 71 | 29 | — |
| בר. 72 | 36 | 3 |
| בר. 74 | 26 | 6 |
| בר. 75 | 142 | 11 |
| בר. 76 | 6 | 13 |
| בר. 77 | 4 | 18 |
| בר. 79 | 198 | 12 |
| בר. 80 | 9 | 40 |
| בר. 81 | 20 | 18 |
| בר. 82 | 30 | 6 |
| בר. 83 | 6 | 38 |
| בר. 84 | 25 | 5 |
| בר. 85 | 6 | 26 |
| בר. 86 | 22 | 5 |
| בר. 87 | 35 | 12 |
| בר. 89 | 2 | 18 |
| בר. 90 | 47 | 36 |
| בר. 91 | 2 | 22 |
| בר. 92 | 21 | 18 |
| בר. 93 | 66 | 3 |
| בר. 94 | 21 | — |
| בר. 96 | 8 | 23 |
| בר. 97 | — | 46 |
| בר. 98 | 3 | 27 |
| בר. 99 | 60 | 14 |
| בר. 100 | 26 | 9 |
| בר. 101 | — | 13 |
| בר. 102 | 14 | 1 |
| בר. 103 | 6 | — |
| בר. 104 | 14 | 5 |
| בר. 105 | 11 | 13 |
| בר. 106 | 29 | 15 |
| בר. 107 | 44 | — |
| בר. 109 | 20 | 2 |
| בר. 110 | 108 | 4 |
| בר. 111 | 45 | 1 |
| בר. 112 | 27 | 1 |
| בר. 113 | 4 | 20 |
| בר. 114 | 22 | 2 |
| בר. 115 | 2 | 36 |
| בר. 116 | 7 | 23 |
| בר. 117 | 27 | 7 |
| בר. 119 | 7 | — |
| בר. 120 | 19 | 17 |
| בר. 121 | 35 | 24 |
| בר. 123 | 17 | 4 |
| בר. 124 | 12 | 1 |
| בר. 125 | 10 | 1 |
| בר. 126 | 5 | 1 |
| בר. 127 | 41 | 3 |
| בר. 128 | 10 | 4 |
| בר. 129 | 13 | 2 |
| בר. 130 | 13 | — |
| בר. 131 | 36 | 5 |
| בר. 133 | 6 | 16 |
| בר. 134 | 12 | 3 |
| בר. 135 | 12 | 18 |
| בר. 136 | 16 | 24 |
| בר. 137 | 23 | — |
| בר. 138 | 18 | 10 |
| בר. 139 | 20 | 11 |
| בר. 140 | 14 | 23 |
| בר. 141 | 14 | 1 |
| בר. 142 | 1 | 30 |
| בר. 143 | 6 | 4 |
| בר. 144 | 10 | 11 |
| בר. 145 | 10 | — |
| בר. 147 | 8 | 20 |
| בר. 149 | 18 | 111 |
| בר. 150 | 23 | 1 |
| בר. 151 | 71 | — |
| בר. 152 | 29 | — |
| בר. 153 | 20 | 1 |
| בר. 154 | 37 | — |
| בר. 155 | 29 | 30 |
| בר. 156 | 412 | 8 |
| בר. 157 | 25 | — |
| בר. 160 | 9 | 5 |
| בר. 161 | 6 | 13 |
| בר. 162 | 34 | — |
| בר. 163 | 5 | 16 |
| בר. 164 | 12 | — |
| בר. 165 | 54 | — |
| בר. 166 | 50 | 21 |
| בר. 167 | 55 | — |
| בר. 168 | 20 | — |
| בר. 169 | 106 | — |
| בר. 171 | 8 | 3 |
| בר. 172 | 6 | 13 |
| בר. 173 | 87 | 5 |
| בר. 174 | 8 | — |
| בר. 176 | 34 | 2 |
| בר. 177 | 10 | 12 |
| בר. 178 | 15 | 3 |
| בר. 179 | 1 | 16 |
| בר. 180 | 10 | 16 |
| בר. 182 | 51 | 1 |
| בר. 183 | 25 | 13 |
| בר. 184 | 193 | — |
| בר. 185 | 7 | 24 |
| בר. 186 | 16 | 6 |
| בר. 188 | 6 | 11 |
| בר. 189 | 4 | 11 |
| בר. 192 | 31 | — |
| בר. 193 | 3 | 18 |
| בר. 195 | 41 | 5 |
| בר. 197 | 9 | — |
| בר. 198 | 33 | 10 |
| בר. 199 | 31 | — |
| בר. 200 | 20 | 10 |
| בר. 201 | 13 | 3 |
| בר. 202 | 9 | 8 |
| בר. 203 | 14 | — |
| בר. 204 | 82 | — |
| בר. 205 | 9 | 7 |
| בר. 206 | 201 | 2 |
| בר. 207 | 42 | — |
| בר. 208 | 15 | 12 |
| בר. 209 | 14 | — |
| בר. 210 | 36 | — |
| בר. 211 | 10 | 23 |
| בר. 212 | 110 | — |
| בר. 213 | 6 | 15 |
| בר. 214 | 11 | 7 |
| בר. 215 | 52 | 4 |
| בר. 216 | 7 | 97 |
| בר. 219 | 19 | — |
| בר. 220 | 195 | 1 |
| בר. 221 | 13 | — |
| בר. 223 | 10 | — |
| בר. 224 | 20 | 32 |
| בר. 225 | 112 | 35 |
| בר. 227 | 26 | — |
| בר. 228 | 24 | — |
| בר. 231 | 24 | 2 |
| בר. 232 | 67 | 2 |
| בר. 233 | 4 | 15 |
| בר. 234 | 42 | — |
| בר. 235 | 39 | — |
| בר. 236 | 19 | 5 |
| בר. 239 | 21 | 1 |
| בר. 240 | 2 | 37 |
| בר. 241 | 21 | — |
| בר. 242 | 26 | — |
| בר. 244 | 53 | 5 |
| בר. 245 | 12 | 23 |
| בר. 246 | 46 | — |
| בר. 248 | 35 | 3 |
| בר. 249 | 23 | — |
| בר. 250 | 29 | 2 |
| בר. 251 | 42 | — |
| בר. 252 | 29 | — |
| בר. 253 | 5 | 33 |
| בר. 254 | 22 | — |
| בר. 255 | 8 | — |
| בר. 256 | 141 | 1 |
| בר. 259 | 9 | 16 |
| בר. 260 | 40 | 2 |
| בר. 261 | — | 19 |
| בר. 262 | 17 | 7 |
| בר. 263 | 8 | 1 |
| בר. 264 | 27 | — |
| בר. 265 | 31 | 2 |
| בר. 266 | 9 | 3 |
| בר. 267 | 10 | — |
| בר. 268 | 28 | 9 |
| בר. 269 | 30 | — |
| בר. 270 | 10 | — |
| בר. 271 | 37 | 8 |
| בר. 272 | 25 | 1 |
| בר. 274 | 25 | 6 |
| בר. 275 | 14 | 168 |
| בר. 276 | 9 | 23 |
| בר. 277 | 10 | 13 |
| בר. 279 | 17 | — |
| בר. 280 | 36 | 15 |
| בר. 282 | 18 | — |
| בר. 283 | 7 | 5 |
| בר. 284 | 7 | 1 |
| בר. 288 | 27 | 5 |

| | דאפיר | געגען |
|---|---|---|
| בר. 289 — — | 61 | 1 |
| בר. 290 — — | 4 | 22 |
| בר. 293 — — | 80 | — |
| בר. 295 — — | 8 | 14 |
| בר. 296 — — | 5 | 18 |
| בר. 297 — — | 7 | 19 |
| בר. 298 — — | 10 | 3 |
| בר. 299 — — | 9 | 1 |
| בר. 300 — — | 24 | — |
| בר. 301 — — | 11 | 13 |
| בר. 302 — — | 18 | — |
| בר. 303 — — | 18 | 1 |
| בר. 304 — — | 39 | — |
| בר. 305 — — | 8 | 32 |
| בר. 306 — — | 26 | — |
| בר. 307 — — | 14 | — |
| בר. 308 — — | 17 | 18 |
| בר. 310 — — | 25 | — |
| בר. 311 — — | 1 | 11 |
| בר. 312 — — | 32 | 31 |
| בר. 313 — — | 46 | — |
| בר. 315 — — | 20 | 25 |
| בר. 316 — — | 5 | 20 |
| בר. 317 — — | 119 | 2 |
| בר. 318 — — | 44 | — |
| בר. 319 — — | 14 | 11 |
| בר. 320 — — | 120 | — |
| בר. 322 — — | 2 | 20 |
| בר. 323 — — | 14 | — |
| בר. 324 — — | 21 | 27 |
| בר. 325 — — | — | 16 |
| בר. 326 — — | 5 | 3 |
| בר. 328 — — | 15 | 8 |
| בר. 329 — — | 11 | 2 |
| בר. 330 — — | 12 | 9 |
| בר. 331 — — | 5 | 17 |
| בר. 333 — — | 10 | 2 |
| בר. 334 — — | 24 | 1 |
| בר. 337 — — | 197 | 4 |
| בר. 338 — — | 16 | 9 |
| בר. [illegible] — — | 18 | — |
| בר. 340 — — | 23 | 5 |
| בר. 341 — — | 1 | 7 |
| בר. 342 — — | 12 | 8 |
| בר. 343 — — | 55 | — |
| בר. 345 — — | 39 | 2 |
| בר. 347 — — | 5 | 8 |
| בר. 348 — — | 19 | 2 |
| בר. 649 — — | 61 | — |
| בר. 350 — — | 14 | 1 |
| בר. 351 — — | 17 | 3 |
| בר. 352 — — | 17 | 22 |
| בר. 356 — — | 5 | 2 |
| בר. 355 — — | 31 | 1 |
| בר. 357 — — | 23 | — |
| בר. 358 — — | 39 | — |
| בר. 361 — — | 7 | 25 |
| בר. 362 — — | 27 | — |
| בר. 365 — — | 17 | — |
| בר. 366 — — | 26 | 3 |
| בר. 367 — — | 50 | 10 |
| בר. 368 — — | 21 | — |
| בר. 369 — — | 1 | 22 |
| בר. 370 — — | 17 | 10 |
| בר. 371 — — | 2 | 18 |

| | דאפיר | געגען |
|---|---|---|
| בר. 372 — — | 52 | 3 |
| בר. 375 — — | 9 | — |
| בר. 376 — — | 19 | 10 |
| בר. 377 — — | 7 | 4 |
| בר. 378 — — | 14 | — |
| בר. 380 — — | 38 | — |
| בר. 381 — — | 33 | — |
| בר. 383 — — | 12 | 9 |
| בר. 384 — — | 51 | — |
| בר. 385 — — | 18 | 1 |
| בר. 388 — — | 14 | — |
| בר. 389 — — | 8 | 40 |
| בר. 390 — — | 47 | — |
| בר. 391 — — | 12 | 13 |
| בר. 392 — — | 28 | 3 |
| בר. 394 — — | 24 | — |
| בר. 395 — — | 23 | 2 |
| בר. 396 — — | 11 | 5 |
| בר. 397 — — | 34 | 2 |
| בר. 398 — — | 5 | 5 |
| בר. 399 — — | 5 | 18 |
| בר. 400 — — | 10 | — |
| בר. 401 — — | 3 | 10 |
| בר. 402 — — | 14 | 15 |
| בר. 403 — — | 12 | 4 |
| בר. 404 — — | 12 | 5 |
| בר. 405 — — | 2 | 10 |
| בר. 406 — — | 15 | — |
| בר. 407 — — | 14 | 2 |
| בר. 408 — — | 3 | 4 |
| בר. 410 — — | 23 | 1 |
| בר. 412 — — | 16 | 4 |
| בר. 413 — — | 27 | 1 |
| בר. 414 — — | 23 | — |
| בר. 415 — — | 9 | 3 |
| בר. 416 — — | 19 | 1 |
| בר. 417 — — | 33 | — |
| בר. 418 — — | 78 | — |
| בר. 419 — — | 5 | 44 |
| בר. 420 — — | 2 | 13 |
| בר. 422 — — | 14 | — |
| בר. 423 — — | 4 | 21 |
| בר. 425 — — | 89 | 7 |
| בר. 426 — — | 21 | 1 |
| בר. 427 — — | 25 | — |
| בר. 429 — — | 17 | — |
| בר. 430 — — | 32 | 4 |
| בר. 431 — — | 16 | 3 |
| בר. 432 — — | 14 | — |
| בר. 433 — — | 8 | 2 |
| בר. 434 — — | 61 | 2 |
| בר. 436 — — | 10 | 1 |
| בר. 437 — — | 10 | — |
| בר. 439 — — | 10 | 8 |
| בר. 440 — — | 8 | 11 |
| בר. 442 — — | 14 | — |
| בר. 443 — — | 74 | — |
| בר. 444 — — | 18 | — |
| בר. 445 — — | 23 | — |
| בר. 446 — — | 9 | 5 |
| בר. 447 — — | 22 | — |
| בר. 448 — — | 18 | — |
| בר. 449 — — | 8 | 4 |
| בר. 450 — — | 24 | 1 |
| בר. 451 — — | 15 | — |

| | דאפיר | געגען |
|---|---|---|
| בר. 453 — — | 24 | — |
| בר. 455 — — | 41 | — |
| בר. 456 — — | 17 | 3 |
| בר. 457 — — | 52 | — |
| בר. 458 — — | 2 | 36 |
| בר. 459 — — | 33 | — |
| בר. 460 — — | 26 | 15 |
| בר. 462 — — | 8 | 1 |
| בר. 463 — — | 13 | 5 |
| בר. 464 — — | 19 | 4 |
| בר. 465 — — | 2 | 14 |
| בר. 467 — — | — | 62 |
| בר. 468 — — | 3 | 13 |
| בר. 469 — — | 1 | 20 |
| בר. 470 — — | 43 | — |
| בר. 471 — — | 5 | 22 |
| בר. 473 — — | 3 | 9 |
| בר. 474 — — | 8 | 14 |
| בר. 476 — — | 2 | 58 |
| בר. 478 — — | 9 | 5 |
| בר. 479 — — | 15 | 2 |
| בר. 481 — — | 11 | 1 |
| בר. 483 — — | 30 | — |
| בר. 484 — — | 56 | 3 |
| בר. 485 — — | 15 | — |
| בר. 486 — — | 19 | 4 |
| בר. 488 — — | 26 | — |
| בר. 489 — — | 13 | — |
| בר. 491 — — | — | 35 |
| בר. 493 — — | 13 | 19 |
| בר. 495 — — | 25 | — |
| בר. 496 — — | 38 | 1 |
| בר. 497 — — | 9 | 7 |
| בר. 498 — — | 27 | 1 |
| בר. 500 — — | 16 | 28 |
| בר. 501 — — | 30 | 7 |
| בר. 502 — — | 49 | 2 |
| בר. 504 — — | 2 | 13 |
| בר. 505 — — | 9 | 1 |
| בר. 506 — — | 43 | — |
| בר. 507 — — | 11 | 12 |
| בר. 510 — — | 14 | 2 |
| בר. 511 — — | 9 | — |
| בר. 513 — — | 65 | 1 |
| בר. 514 — — | 25 | — |
| בר. 515 — — | 13 | — |
| בר. 516 — — | 30 | 2 |
| בר. 517 — — | 4 | 8 |
| בר. 519 — — | 37 | — |
| בר. 520 — — | 9 | — |
| בר. 521 — — | 15 | 1 |
| בר. 522 — — | 26 | 1 |
| בר. 524 — — | 33 | — |
| בר. 525 — — | 9 | 1 |
| בר. 526 — — | 11 | 3 |
| בר. 527 — — | 25 | 24 |
| בר. 529 — — | 18 | — |
| בר. 530 — — | 13 | — |
| בר. 531 — — | 7 | 8 |
| בר. 532 — — | 28 | 1 |
| בר. 533 — — | 36 | — |
| בר. 534 — — | 7 | 6 |
| בר. 536 — — | 12 | — |
| בר. 537 — — | 9 | 1 |
| בר. 538 — — | 15 | 5 |

| | דאפיר | געגען |
|---|---|---|
| בר. 539 — — | 22 | — |
| בר. 540 — — | 11 | — |
| בר. 541 — — | 25 | — |
| בר. 542 — — | 22 | 1 |
| בר. 543 — — | 10 | 15 |
| בר. 547 — — | 25 | 17 |
| בר. 548 — — | 25 | — |
| בר. 549 — — | 23 | — |
| בר. 551 — — | 14 | 5 |
| בר. 552 — — | 15 | 7 |
| בר. 553 — — | 25 | 5 |
| בר. 554 — — | 3 | 16 |
| בר. 555 — — | 14 | 2 |
| בר. 556 — — | 27 | 2 |
| בר. 557 — — | 10 | 12 |
| בר. 558 — — | 22 | 1 |
| בר. 559 — — | 10 | 4 |
| בר. 560 — — | 8 | 7 |
| בר. 562 — — | 9 | 16 |
| בר. 563 — — | — | 19 |
| בר. 564 — — | 42 | — |
| בר. 565 — — | 4 | 2 |
| בר. 566 — — | 9 | 27 |
| בר. 567 — — | 8 | 2 |
| בר. 568 — — | 18 | — |
| בר. 569 — — | 22 | 4 |
| בר. 570 — — | 21 | 6 |
| בר. 571 — — | 26 | 3 |
| בר. 572 — — | 46 | — |
| בר. 573 — — | 12 | — |
| בר. 574 — — | 16 | — |
| בר. 575 — — | 21 | 2 |
| בר. 576 — — | 22 | — |
| בר. 577 — — | 17 | 5 |
| בר. 579 — — | 15 | 4 |
| בר. 580 — — | 13 | 5 |
| בר. 582 — — | 16 | 3 |
| בר. 583 — — | 29 | — |
| בר. 585 — — | 9 | 3 |
| בר. 586 — — | 2 | 11 |
| בר. 587 — — | 22 | 1 |
| בר. 589 — — | 59 | 1 |
| בר. 592 — — | 19 | 1 |
| בר. 593 — — | 10 | — |
| בר. 594 — — | 8 | 4 |
| בר. 595 — — | 12 | — |
| בר. 596 — — | 14 | — |
| בר. 598 — — | 14 | 4 |
| בר. 599 — — | 18 | — |
| בר. 600 — — | 28 | — |
| בר. 601 — — | 8 | 1 |
| בר. 602 — — | 3 | 10 |
| בר. 604 — — | 14 | — |
| בר. 606 — — | 11 | 6 |
| בר. 608 — — | 25 | — |
| בר. 610 — — | 8 | — |
| טאָטאַל — — | 12,902 | 5,061 |
| מעמבערס עט לאַרדזש — — | 289 | 1 |
| גראַנד טאָטאַל | 13,191 | 5,062 |

די באלאָטס פון די בראַנטשעס 292, 236, 475, 482 זיינען ניט געצעהלט געווארען, ווייל זיי זיינען אריינגעקומען צו שפּעט.

# פינאַנץ בעריכט פון 68טען קוואַרטאַל

דאָס פאָלגענדע איז דער פינאַנץ בעריכט און אויך א בעריכט פאַר דעם 68טען קוואַרטאַל, וועלכער שליסט איין די מאָנאַטען יולי, פון דעם אלגעמיינעם צושטאַנד פון די בראַנטשעס פון אַרבייטער רינג אויגוסט און סעפּטעמבער, 1917. י. באַסקין, סעקרעטער.

### איננאַהמע.

| | |
|---|---|
| פון בראַנטשעס | $80,040.65 |
| פון מעמבערס עט לאַרדזש | 3,010.52 |
| בראַנטשעס קרעדיטעד פאַר אַפּליקיישאַנס רעדזשעקטעד | 117.60 |
| איינטריטס געלד פון נייע מעמבערס 1, 2, 3, 4טע קלאַס | 3,077.00 |
| פון טראַנספערס | 71.00 |
| קאָנסטיטושאַנס און סערטיפיקייטס | 175.95 |
| ס"ה | $86,492.72 |
| אַרונטערגערעכנדיג פאַר אַפּליקיישאַנס פיר אַפּראָוואַל | 225.95 |
| ס"ה איננאַהמע פון בראַנטשעס | $86,266.77 |

### אינוועסטמענטס.

| | |
|---|---|
| אינטערעסט פון באָנדס | 5,348.75 |
| אינטערעסט פון דעפּאָזיטס | 156.44 |
| סאַנאַטאָריום דאָנייישאַנס | 52.95 |
| פאַרם פּראָדוקטען | 84.19 |
| לייבאָר ליעג פּאַציענטען | 240.00 |
| סאַנאַטאָריום דעפּאָזיטס (בעצאָהלטע פּאַציענטען) | 372.00 |

### וואָלונטערי קאָנטריביושאַנס.

| | |
|---|---|
| פאַר די מלחמה קרבנות | 217.72 |
| פאַר די מלחמה קרבנות (טעג דעי) | 53.00 |
| מלחמה סטעמפּס | .13 |
| פאַר לאָס אנדזשעלאס סאַנאַטאָריום | 76.14 |
| פאַר סאַן פראַנציסקא דעפענס פאָנד | 54.25 |
| פאַר בערקמאַן'ס דעפענס פאָנד | 103.00 |
| פאַר וואָירקמענס קאָנסיל | 119.70 |
| פאַר'ן בונד | 8.65 |
| פאַר דער „אַרבייטער שטימע" אין רוסלאַנד | 25.00 |
| פאַר עקס-פּאַציענטען ליבערטי | 3.00 |
| פאַר טשילדרען שוה אַרבייטער | 1.00 |
| פאַר סיאַטעל דעפענס ליעג | 1.00 |
| פאַר פּיפּעלס קאָנסיל | 5.00 |
| פאַר אַרבייטסלאָזע | 2.00 |

### אומגעקעהרטע עקספּענסעס.

| | |
|---|---|
| רענט, סעמעטערי דעפּאַרטמענט | 120.00 |
| פערשיעדענעס | 56.50 |
| טעלעפאָן און טעלעגראַף | .25 |
| נאָטאַרי פּובליק | .75 |
| קאָנווענשאַן פאָנד | 151.45 |
| „פריינד" פאָנד | 6.50 |
| קאָנסאָמפּשאָן בענעפיט פאָנד | 200.00 |
| אַרויסגענומען פון סייווינגס בענק | 76,491.53 |
| י. וויינטרויב | 120.00 |
| וואָירקמענס סוירקעל לייברערי | 54.00 |
| סעמעטערי דעפּאַרטמענט | 59.29 |
| ראָזענצווייג ביכער | 116.35 |
| בוך איבער דער רוסישע רעוואָלוציע | 5.20 |
| ס"ה איננאַהמע | $170,572.51 |
| באַלאַנס פון דעם 30טען יוני | 40,300.83 |
| ס"ה | $210,873.34 |

### אויסגאַבען.

| | |
|---|---|
| צו בראַנטשעס | $5,481.64 |
| צו מעמבערס עט לאַרדזש | 10.72 |
| טויטען בענעפיט | 11,900.00 |
| קאָנסאָמפּשאָן בענעפיט | 1,200.00 |
| קראַנקען בענעפיט (צו מעמבערס עט לאַרדזש) | 711.00 |

### אינוועסטמענטס.

| | |
|---|---|
| באָנדס ($102,000.00 מאַרקעט ווערטה) | 101,702.50 |
| אינטערעסט אין באָנדס | 1,310.68 |

### סאַנאַטאָריום.

| | |
|---|---|
| אויפהאַלטונג | 19,082.91 |
| בילדינג | 4,057.17 |
| פוירניטשור און פיקסטשורס | 716.84 |
| ענטערטיינמענט | 20.28 |
| דעפּאָזיטס | 42.00 |

### אַדמיניסטריישאַן עקספּענסעס.

| | |
|---|---|
| רענט | 624.99 |
| סאַלאַריעס | 3,914.83 |
| עקסטרא אָפּיס אַרבייט | 61.83 |
| פערשיעדענעס | 282.34 |
| נעשאַנאַל באָרד אָוו דירעקטאָרען | 435.25 |
| גריוואַנס קאָמיטע | 150.07 |
| בענעפיט קאָמיטע | 207.73 |
| אָפּיס קאָמיטע | 120.58 |
| אודיטינג קאָמיטע | 523.75 |
| פראַטוירנאַל רייטס קאָמיטע | 30.50 |
| קאָמיטעס | 74.80 |
| פּאָסטיידזש | 377.76 |
| פּרינטינג | 113.27 |
| אַדווערטייזינג | 207.55 |
| סטיישאָנערי און ביכער | 140.53 |
| טעלעפאָן און טעלעגראַף | 82.77 |
| בעלויכטונג | 65.10 |
| קאָלעקשאָן און עקסטשענדזש | 34.45 |
| אודיטאָר און עקטשורי | 100.00 |
| אָפּיסערס באָנדס | 16.00 |
| ליגעל סוירוויסעס | 900.00 |
| ריילראָוד פערים | 67.75 |
| אינשורענס פּובליקיישאַנס | 15.00 |
| פייער אינשורענס | 41.68 |
| מעדיציניש בעראַטהונג | 3.15 |
| עקספּרעסיידזש | 2.29 |

### אָרגאַניזיישאַן.

| | |
|---|---|
| ניו יאָרק סטייט | 156.20 |
| פּענסילווייניא סטייט | 117.10 |
| ניו דזשוירזי | 48.68 |
| קאָנעטיקוט | 21.82 |
| מעין סטייט | 31.20 |
| אילינאָיז | 22.90 |
| וויסקאָנזין | 30.50 |
| מינעסאָטא | 33.25 |
| מערילענד | 13.80 |
| אָהייאָ | 5.00 |
| קענעדע | 8.50 |
| אַלגעמיינע אָרגאַניזאַציאָנס אַרבייט | 313.86 |

### וואָלונטערי קאָנטריביושאַנס.

| | |
|---|---|
| פאַר די מלחמה קרבנות (טעג דעי) | 3.50 |
| פאַר בערקמאַן'ס דעפענס פאָנד | 15.00 |
| פאַר דעם בונד | 46.15 |

| | |
|---|---|
| פאר סאן פראנציסקא דעפענס פאָנד | 54.25 |
| פאר לאָס אנדזשעלאס סאנאטאריום | 63.64 |
| טשילדרען שוה וואָירקערס | 2.00 |
| עקס פּאַציענטען ליבערטי | 3.00 |
| פאַר וואָירקמענס קאָנסיל | 116.70 |
| פאר פיפעלס קאָנסיל | 5.00 |
| פאר ארבייטסלאָזע | 2.00 |

פערשיעדענעס.

| | |
|---|---|
| „פריינד" פאָנד | 2,800.06 |
| קאָנווענשאָן פאָנד | 4,761.95 |
| ניו יארק סיטי קאָנוועשאָן קאָמיטע | 168.95 |
| עדיוקיישאָן ביוראָ | 657.80 |
| וואָירקמענס סוירקיל לייברערי | 601.50 |
| וואָירקמענס סוירקעל לייברערי 1917 | 450.00 |
| איינטריטס געלד אומגעקעהרט | 25.00 |
| קאָנסטיטושאָן פיעס | 1.50 |
| ברענטש סופּלייעס | 15.75 |
| ברענטש באָנדס | 1.47 |
| ראָזענצווייג ביכער | 143.46 |
| טעאַטריקאל פּראָדוקשאָן (ברענטש 555) | 100.00 |
| סעמעטערי דעפּארטמענט | 59.29 |
| פוירניטשור און פיקסטשורס | 131.20 |
| פּאסייק פּאָסט אָפיס | 300.00 |
| נייטאָנאל שורעטי קאָמפּעני (י. וויינטרויב) | 90.00 |
| פּעטי קעש | 400.00 |
| סאנאטאַריום דעפּארטמענט | 500.00 |
| ס"ה אויסגאַבען | $167,190.69 |
| באַלאַנס אין טשאַטהאַם און פעניקס נייטאָנאַל בענק | 17,656.05 |
| באַלאַנס אין פאַרמערר לאָון און טראָסט קאָ. | 11,026.60 |
| באַלאַנס אין בראָדוויי טראָסט קאָמפּאַני | 15,000.00 |
| ס"ה | $210,873.34 |

קראַנקען בענעפיט.

| | |
|---|---|
| אויסגעצאָהלט 7277 וואָכען | $42,189.00 |
| 6786 וואָכען צו 6 דאָלאר | |
| 491 וואָכען צו 3 דאָלאר | 1,473.00 |

טויטען קליימס.

רעפּאָרטעד אין 68טען קוואַרטאל:

| | |
|---|---|
| קלאַס 1 | 17 |
| קלאַס 2 | 17 |
| קלאס 3 | 3 |
| קלאַס 4 | 3 |
| ס"ה | 40 |
| טאָטאל אינשורענס | $11,100.00 |

געשטאָרבען פון:

| | |
|---|---|
| קאָנסאָמפּשאָן | 7 |
| ניומאָניע | 2 |
| עקסידענטס | 9 |
| זעלבסטמאָרד | 3 |
| פערשיעדענע קראַנקהייטען | 19 |
| ס"ה | 40 |

„פריינד" אויסגאבען.

| | |
|---|---|
| פּרינטינג | $680.20 |
| פּריינטס | 48.99 |
| מיילינג און רעפּינג | 105.00 |
| עקספּרעסיידזש און דעליווערי | 121.11 |
| סאַלאַרים | 359.00 |
| פערשיעדענעס | 23.17 |

| | |
|---|---|
| רעדאַקטאָרס סאַלאַרי | 270.00 |
| אַרטיקלען | 104.00 |
| פּאָסטיידזש | 257.78 |
| מאַשינערי | 30.00 |
| פּייפּער | 996.10 |
| קאָמיטעס | 28.31 |
| קאַטס | 1.35 |
| רענט | 37.50 |
| עלעקטריק פּאור | 12.50 |
| סטיישאָנערי | 11.05 |
| ס"ה | $3,086.36 |

אין קעש סטייטמענט זיינען זיי פארעכענט אין פאָלגענדע אייטעמס:

| | |
|---|---|
| „פריינד" | $2,800.06 |
| פּאסייק פּאָסט אָפיס | 300.00 |
| ס"ה | $3,100.06 |
| „פריינד" מאַשינערי | 30.00 |
| רענט פאר יולי, אויגוסט און סעפּטעמבער | 37.50 |
| עלעקטריק פּאור פיר די זעלבע מאָנאַטען | 12.50 |
| באַלאַנס אין פּאסייק פּאָסט אָפיס פון לעצטען קוואַרטאַל | 110.49 |
| ס"ה | $3,290.55 |
| פון דעם ווערט ארונטערגערעכענט | $3,086.36 |

בלייבט אַ באַלאַנס אין פּאסייק פּאָסט אָפיס דעם 30טען סעפּטעמבער 1917, ווי עס ווערט אָנגעצייגט אין פאָלגענדען טייבעל פון פערמעגען ........ 204.19

פערמעגען און שולדען.
דעם 30טען סעפּטעמבער 1917.

פערמעגען.

| | |
|---|---|
| קעש אין טשטהאם און פעניקס נייטשאָנאל בענק | $17,656.05 |
| קעש אין פאַרמערס לאון און טראָסט קאָ. | 11,026.60 |
| קעש אין טשאטהאם און פיניקס נעשאָנאל בענק (סעקרעטער'ס עקאונט) | 1,600.00 |
| סאַנאַטאַריום דעפּאָרטמענט | 2,000.00 |
| קעש אין סייווינגס בענק | 10,796.44 |
| סיטי און מיוניסיפּאל באָנדס (מאַרקעט ווערטה) | 666,551.25 |
| שער פון פעד. פון אידישע פאַרמערס אין אַמעריקא | 5.00 |
| סאַנאַטאַריום בילדינגס | 96,681.09 |
| סאַנאַטאַריום פארם | 8,500.00 |
| סאַנאַטאַריום לייף סטאק | 925.00 |
| סאנאטאַריום פוירניטשור און פיקסטשורס | 15,324.44 |
| „פריינד" פוירניטשור און פיקסטשורס | 602.64 |
| ברענטש סופּלייעס | 1,349.38 |
| עדיוקיישאָנאל ביכער פּלייטס | 1,300.00 |
| ברענטשעס | 10,486.09 |
| מעמבערס עט לאַרדזש | 350.18 |
| פּאסייק פּאָסט אָפיס | 204.19 |
| אויסגעצאָהלטע וויינטרויב געלדער | 1,612.03 |
| מ. און ל. יארמאָלאָווסקי | 186.76 |
| בראָדוויי טראָסט קאָ. | 15,000.00 |
| אָפיס פוירניטשור און פיקסטשורס | 4,521.50 |
| ס"ה | $866,678.64 |

שולדען.

| | |
|---|---|
| גאַרדיענשיפּ אַקאונט | $7,378.94 |
| טויטען בענעפיט קליימס | 22,500.00 |
| אפּליקיישאָנס פיר אפּרואוואל | 736.30 |

| | |
|---|---|
| סעמעטערי דעפּאַרטמענט | 241.29 |
| סאַנאַטאַדיום דעפּארטמענט | 180.00 |
| ברענטש באַנדס | 1.48 |
| רוסישע רעוואָלוציאָנערען פאָנד | 585.25 |
| לאון און טראנספער (פילאדעלפיע ברענטשעס) | 381.00 |
| לייבאָר ליעג | 50.00 |
| וואלונטערי קאָנטריביושאָנס | 2,397.41 |
| דאָזענצווייג ביכער | 16.69 |
| בענעפּישערי אָוו ה. קליפער | 41.00 |
| בענעפּישערי אָוו ה. האָרן | 41.00 |
| בוך איבער דער רוסישער רעוואָלוציע | 5.20 |
| סוספּענס | 79.05 |
| ס"ה | $35,084.61 |
| פערמעגען מעהר ווי שולדען | 831,594.03 |
| ס"ה | $866,678.64 |

סאַנאַטאַריום דאָניישאָנס.

בר. 394 דזשאנסטאָן, פּא. ....................$52.95

ברענטשעס.

| | |
|---|---|
| צאָהל בדענטשעס דעם 30טען יוני 1917 | 601 |
| נייע ברענטשעס אינסטאָלירט | 5 |
| בר. 329 העקענסעק, נ, דזש., בר. 203 דעטראָיט, מיש., בר. 596 דעטראָיט, מיש., בר. 237 ניו יארק סיטי, בר. 550 פילאדעלפיא, פּא. | |
| ס"ה | 606 |
| ברענטשעס אויפגעלייזט | 7 |
| בר. 450 סאן דיעגא, קאל., בר. 424 מאָנטרעאל, קאַנ., בר. 528 וואשינגטאָן, ד. ק., בר. 512 פילאַדעלפיא, פּא., בר. 217 נעשוויל, טענ., בר. 187 קארטארעט, נ, דזש., בר. 523 נאָרמא, נ. דזש. | |
| ברענטשעס אין עקזיסטענץ סעפּטעמבער 30, 1917 | 599 |

# מעמבערשיפּ סטייטמענט

דעביט.

| | טאָטאַל | קלאַס 1 | קלאַס 2 | קלאַס 3 | קלאַס 4 |
|---|---|---|---|---|---|
| באַלאַנס דעם 30טען יוני 1917 | 25138 | 22288 | 6905 | 5543 | 59874 |
| נייע מעמבערס אַריינגענומען | 401 | 493 | 105 | 277 | 1276 |
| רעאינסטיטוטעד זיינען געווארען | 129 | 150 | 40 | 51 | 370 |
| טראַנספערס פון קלאַס צו קלאַס | 27 | 9 | 4 | 2 | 42 |
| טאָטאַל דעביט | 25695 | 22940 | 7054 | 5873 | 61562 |
| קרעדיט | 588 | 959 | 133 | 490 | 2170 |
| טאָטאַל מעמבערס סעפּטעמבער 30, 1917 | 25107 | 21981 | 6921 | 5383 | 59392 |

קרעדיט

| | טאָטאַל | קלאַס 1 | קלאַס 2 | קלאַס 3 | קלאַס 4 |
|---|---|---|---|---|---|
| עקספּפּעלד | 558 | 913 | 125 | 463 | 2059 |
| רעזיגנירט | 9 | 7 | 2 | 5 | 23 |
| צוריקגעוויזען | 1 | 2 | 1 | 2 | 6 |
| געשטאָרבען | 17 | 17 | 3 | 3 | 40 |
| טראנספּפערירט פון קלאס צו קלאס | 3 | 20 | 2 | 17 | 42 |
| ס"ה | 588 | 959 | 133 | 490 | 2170 |

## טרויער רעזאָלוציאָנען

מיר דריקען אויס אונזער טרויער איבער דעם פריהצייטיגען טויד פון אונזער פריינד און גענאָסע טערמאן. עהרע זיין אַנדענקען.

בָר. 112 ארב. רינג.

---

מיר די מעמבערס פון י. ל. פּרץ בר. 37 אדב. רינג, דריקען אויס אונזער טיעפסטען טרויער אויף דעם פריהצייטיגען טוידט פון דזשעני גאָלדבערג, די פרוי פון אונזער מעמבער דזשאָזעף גאָלדבערג.

ס. בלאָך, דעק. סעק.

---

מיר, שעדליצער בר. 53 ארב. רינג, פערזאמעלט ביי א ספּעציאל מיטינג, דריקען אויס אונזער גרויסען טרויער און טיעפסטען שמערץ איבער דעם טויט פון אונזער גרויסען לעהרער ש. י. אבראמאוויטש (מענדעלי מוכר ספרים). עהרע זיין אנדענקען.

ל. קאווע, רעזאָלוציאָנס קאָמ.

---

מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטע סימפּאטיע צו די פרוי און קינדער פון אונזער פריינד לואי קאָהן, וועלכען דער טויט האָט גע־דויבט פון אונז דעם 20טען דעצעמבער 1917.

וו. ציס, סעק. בר. 157 ארב. רינג.

די פאָלגענדע ברענטשעס האָבען אַריינגענומען אין 68טען קוואָר־טאל צו 10 און מעהר נייע מעמבערס:

| ברענטש נומער | צאָהל נייע מעמבערס | ברענטש נומער | צאָהל נייע מעמבערס |
|---|---|---|---|
| 12 | 10 | 316 | 10 |
| 221 | 14 | 355 | 11 |
| 269 | 11 | 443 | 10 |
| 305 | 10 | 541 | 16 |
| | | 547 | 12 |

?

האָט איך די עקזעקוטיוו שוין פּרעזענטידט מיט א גוטע פאונטען פּען?

איז אייער נאָמען פעראייביגט געווארען אין די „גאָלדענע בלעטער"?

אויב ניט, פאר וואָס?

# פאר דיסקוסיאָן

## וועגען פאָלקסבילדונג

ווערטהער פריינד רעדאקטאָר! ערלויבט מיר צו זאגען איניגע ווערטער אין בעצוג צו דער פראגע פון בילדונג פאר די מעמבערס פון א. ר. איך בעמערק אין אָקטאָבער נומער „פריינד", ווי איהר הייסט גוט די מיינונג פון פר. מ. קאָהען, אז די עדיוק. קאָמ. דארף זיך מעהר אינטערעסירען מיט די מעהר אינטעליגענטע מעמבערס, אום זיי זאָלען קענען ווערען די לעהרער פון די וועניגער געבילדעטע. אָבער פון וואס פאר א בילדונג רעדט איהר? מיינט איהר, אז די מאָסען מעמבערס נויטיגען זיך צו וויסען פיזיק אָדער כעמי, אום צו קענען וויסען ווי שנעל א געוויסער קאַנאָן שיסט? איבריגענס האָט דאָך די עדיוק. קאָמ. ארויסגעגעבען דעם בוך „די וועלט און די מענשהייט", און אויב דער צוועק פון בילדונג איז צו וויסען זעהר פיעל זאַכען, דאַן קען מען ווערען געבילדעט לעזענדיג די אויסגאבען פון דער עדיוק. קאָמ., שוין ניט רעדענדיג פון פאָלקס אוניווערסיטעט.

יעצט פרעגט זיך, ווי קומט עס, וואָס אָט די אינטעליגענטע מעמבערס, וועלכע האָבען געלעזען און געלערנט אזוי פיעל, ציינען ארויס אזוי וועניג טאָלעראנץ און פערנעהמען די צייט אין רייסערייען איבער קלייניגקייטען? איהר ווילט לערנען די אונגעבילדעטע מעמבערס? זיי קומען דאָך אָבער ניט צו די מיטינגס. איך וויל ניט זאָגען, אַז עס איז ניט אינטערעסאנט צו וויסען ווי ווייט עס איז פון אונזער ערד צו דער זון. אויב אָבער דער עדיוק. קאָמ. איז ליעב דער ארב. רינג און מען וויל איהם זעהען וואקסען, גיט אונז אַזאַ בילדונג, וואס זאָל אונז אויפהויבען צו א העכערע שטופע פון סאָלידאריטעט און טאָלעראנץ, און איך בין זיכער אז מיט אזא ארבייט וועט מען צו ציהען די ניט געבילדעטע מעמבערס, וועלכע קומען ניט צו אונזערע מיטינגס, ווייל עס פעהלט אונז ע ט ה י ש ע בילדונג.

א. מייערס, מעמ. בר. 441, דזשעקסאָנוויל.

---

## די ליעדער פון אַר. רינג כאָר אַלס פּראָפּאַגאַנדע מיטעל.

ווערטהער פריינד רעדאַקטאָר:

לעצטענס איז געקומען צופאָהרען אַ פריינדין פון אַר. רינג כאָר און האָט מיט זיך מיטגעבראַכט די ווערטער מיט די מוזיק פון דער אַרב. רינג מאַרסעליעזע. און אַזוי אַרום האָבען מיר די זכיה צו הערען עס אויך דאָ, געזונגען פון גוטע זינגער. מיר האָבען אַ סינגינג און דראַמאַטיק קלאָב, וואָס בעשטעהט פון אַרב. רינג מעמבערס, אונטער דער לייטונג פון אַ געשטודירטען זינגער, אַ געענדיגטען פון וויענער קאָנסערוואַטאָריום, וויינשטאָק.

ניט לאַנג צוריק האָבען מיר געהאַט סאָושעל מיטינג, וואו צווישען אַנדערע איז אויך געזונגען געוואָרען די אַר. רינג מאַרסעליעזע.

נאָכדעם ווי דער ברענטש מיטינג האָט זיך געענדיגט, זיינען צו מיר צוגעגאַנגען איניגע מעמבערס און געפרעגט, פאַר וואָס זאָל מען אַזעלכע ליעדער ניט האָבען אָפּגעדרוקט און צוטיילט אָדער פערקויפט צו די מעמבערס. אָט האָבען מיר פּיאַנאָס אין די הייזער אויף וועלכע אונזערע קינדער שפּיעלען. אונזערע קינדער וואָלטען אַזאַ ליעד זיך אויסגעלערנט און פאַר אונז געשפּיעלט. איך האָב זיי צוגעזאָגט, אַז מ'וועט עס קריגען פאַר זיי.

דער אַר. רינג פיהרט אָן אַ קעמפּיין פאַר נייע מיטגליעדער. די אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע זוכט וועגען און מיטלען מיט וועלכע מ'קען צוציהען נייע רעקרוטען. דיינקט איהר ניט, פריינדע פון דער אָרגאַניזאַצ. און עדיוק. קאָמיטען, אַז ווען אין טויזענדער און טויזענדער הייזער וואָלט מען געשפּיעלט און געזונגען די אַרב. רינג מאַרסעליעזע, דיינקט איהר ניט אַז דאָס וואָלט געהאָלפען אין אַ מעמבערשיפּ קעמפּיין?

פיעלע פון די ברענטשעס זיינען טויט, האָבען אין זיך קיין לעבען ניט. די מעמבערס זיינען גלייכגילטיג צו זייער ברענטש און פערגעסען אָפט אַז זיי בעלאַנגען אין גאַנצען צו אונזער גרויסען אָרדער. דיינקט איהר ניט אַז ווען אין זייער הויז זאָלען זיך געפינען די אַ. ר. ליעדער, וואָלט דאָס זיי ניט דערמאָנט און ערמוטהיגט וועגען דעם אַר. רינג און זיין ברענטש?

דזש. לעוויט, מעמב. בר. 118 אַ. ר., לאָס אַנדזשעלעס, קאַל.

## סאר נאציאָנאַל ראדיקאלע שולען.

אין דעצעמבער נומער „פריינד" איז פאַראַן אן ארטיקעל פון מ. באָקאַל וועגען סאָציאליסטישע קינדער שוהלען, פאר אידישע קינדער.

עס איז אמת, אז איינע פון די הויפּט פראגען וואס איז אויפ'ן טאַגעס אָרדנונג, איז די אידישע ערציהונג פון אונזערע קינדער. און דערפאר וויל איך פרעגען פריינד מ. באָקאַל'ען, אויב ארבייטען פאר א געוויסען אידעאל, אויב אַוועקלייגען צייט, כחות, א. אז. וו., צי זאָל דאָס אַלעס געטהאָן ווערען פאר א געוויסען קליינעם טהייל וואס וועלען זיין אין דעם פאראינטערעסירט, אדער עס זאָלען זיך מיט דעם בענוצען די גרויסע מאסען?

ווען פריינד מ. באָקאַל רעדט וועגען אידישע סאָציאליסטישע קינדער שוהלען, דאַן ווייס ער גוט, אז מיט די שוהלען וועלען זיך בענוצען אַ קליינער טהייל פון די ארב. רינג מעמבערס, אָבער די גרויסע מאסע פון די ארב. רינג מעמבערס וועלען זיך מיט סאָציאליסטישע קינדער שוהלען ניט בענוצען. ווייל די גרויסע מיטגליעדערשאַפט פון ארב. רינג, ווי סאָציאליסטיש אָדער ראדיקאל זיי זאָלען ניט זיין, זיינען זיי אָבער אידען, זיי לעבען און פיהלען אַלס אַזעלכע, און זייערע קינדער ווילען זיי ערציהען אין דעם זעלבען גייסט. אויב מיר זיינען געגען דעם, אז קינדער פון ארב. רינג מיטגליעדער (און פון אַלע אַנדערע) זאָלען קריעגען זייער אידישע ערציהונג אין רעליגיעזע אָדער האַלב רעליגיעזע תלמוד־תורות אָדער ביי אַלע אַנדערע מלמדים וואס פעדלען ארום איבער די הייזער, זיינען מיר אויך געגען דעם, אז אידישע קינדער זאָלען אין גאַנצען אָבגעריסען ווערען פון א אידישע ערציהונג. מיר דארפען האָבען פאר אידישע קינדער א בעוואוסטזיניגע נאציאנאל ראדיקאלע ערציהונג.

פריינד מ. באָקאַל ווייזט אָן, אז די קינדער פון א סאָציאליסטישע קינדער שולע אין פילאדעלפיא, בעזוכען אין דער זעלבער צייט א רבי'ן...

וואס ווייזט אונז אַזאַ מין ערשיינונג, וואס קינדער פון סאָציאליסטישע עלטערן, וועלכע ווערען געשיקט אין סאציאליסטישע קינדער־שוהלען ווערען אויך געשיקט פון די זעלבע עלטערן צו א רבי'ן?

גאָר איינפאך, דאָס ווייזט אונז דעם דורכפאל פון די סאָציאליסטישע קינדער שוהלען, און ווי ווייט די עלטערן, אפילו סאָציאליסטען, זיינען ניט צופריעדען מיט זיי און עס אפעלירט ניט צו זיי דער אידעאל פון די דאָזיגע שולען.

היינט וואס וועט שוין זיין מיט די גרויסע מאסען מעמבערס וועלכע זיינען ניט קיין אויסגעשפּראָכענע אדער בעוואוסטזיניגע סאָציאליסטען און וועלכע שיקען און וועלען שיקען זייערע קינדער טאַקע אין תלמוד־תורות און ניט אין סאציאליסטישע קינדער שוהלען?

דערפאר גלויב איך, אז דער ארב. רינג דארף דורך די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע העלפען די נאַצ. ראַד. שוהלען. אָבער פאַר קיין פאַל ניט מאַכען שבת פאר זיך, ווייל דאָס, גלויב איך, וועט זיין פאר'ן ארב. רינג אליין צו שווער, סיי פינאַנציעל און סיי טעכניש. אַלענפאלס וואָלט געווען זעהר וויכטיג צו הערען די מיינונג פון די עדיוקיישאָנאל קאָמיטע און אויך פון מעמבערס פון ארב. רינג.

מ. גודמאַן,
מעמבער פון בר. 18 ארב. רינג, גלאָווערסוויל, נ. י.

---

## קריטיקירט די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע.

געעהרטער רעדאַקטאָר פון „פריינד":

ערלויבט מיר צו זאָגען אַ פּאָר ווערטער וועגען די בילדונגס־אַרבייט אין אַרב. רינג.

איך דיינק דאָס די אַרבייט, ווי זי ווערט יעצט אָנגעפיהרט, איז אַרויסגעוואָרפען. וועגען די קורסען איז געווים קיין רייד ניט. איך קען מיר ניט פאָרשטעלען אַ מעמבער פון אַ. ר. וואָס וויל שטודירען „געאָלאָגיע", וואָס קען ניט אַ וועלט־שפּראַך. דאָס זעלבע איז מיט „פּאָליטישער עקאָנאָמיע" און „פיזיאָלאָגיע". ווען איינער פון אונז האַלט שוין דערביי אַז עס פעהלט איהם בלויז „געאָלאָגיע" אין זיין בילדונגס־קאַריקולום, ברויכען מיר זיך וועגען איהם ניט קימערען. איבערהויפּט זיינען די ווערטער פּשוט טערקיש. וועלכער מעמבער קען אַרויסריידען דאָס וואָרט געאָלאָגיע און זיין צונג זאָל זיך ניט

פלאָנטערען? אין דער היים האָט קיינער פון אונז אַזאַ וואָרט ניט געהערט. דער יעניגער וואָס האָט געשטודירט האָט געלערנט ענטוועדער אין רוסיש אָדער דויטש, אָבער ניט אידיש. אין מאַנכע פעלע אין העברעאיש.

דער טראבעל איז דיזער: „מיר האַלטען דעם דורכשניטליכען מעמבער פיר אַ „גרינעס“, און אַלס אַ גרינער, ווילען מיר, זאָל ער פערבלייבען. מיר לערנען איהם „וויסענשאַפט“ אין אַ שפּראַך וועלכע ער וויל און מוז פערגעסען — אידיש. די קינדער אַרום איהם ריידען נאָר ענגליש. אַלעס איז ענגליש; אָבער די קאָמיטע האָט זיך גענומען די אויפגאַבע אויפצוהאַלטען די שטאַרבענדע שפּראַך!—

ווארום זאָלען מיר ניט אָנווענדען אונזערע קרעפטען צו אַמעריקאַניזירען די מעמבערס? ווארום זאָלען מיר ניט העלפען דעם נאַטירליכען פּראָצעס? די רעגיערונג איז גרייט אונז צו העלפען. פערשיעדענע אָרגאַניזיישאָנס און אַנדערע קרעפטען ווילען און וועלען אונז העלפען.

די אידען ריהמען זיך דאָס זיי האָבען די נאַטירליכע פעהיגקייט זיך צוצופּאַסען צו יעדען לאַנד און צו יעדער לאַגע. ווארום זאָלען מיר יעצט געהן געגען שטראָם? לאָמיר לערנען די מעמבערס אַס ערשטען די לאַנד־שפּראַך. נאָכדעם אַנדערע זאַכען. צום ביישפּיעל: די געזעצען פון געזונדהייט, אַמעריקאַנער היסטאָריע, אַלגעמיינע היסטאָריע, אַמעריקאַנער פאָרמע פון רעגיערונג. וועגען אַנדערע בילדונג ברויכען מיר אַלס אַ פעראיין זיך ניט קימערען.

אַ גוטער שריט, ווי איך לעז אין אָקטאָבער „פריינד“, איז יעצט געמאַכט געוואָרען פון די עקז. קאָמ. וואָס זי האָט געלאָזט דרוקען צעהן טויזענד קאָפּיעס פון דער קאָנסטיטושאָן אין ענגליש. אויסגעצייכענט! און אויב די גרינע לעהרערס אונזערע וועלען בלייבען אָהן אַ קנעלונג, קען איך זאָגען וואָס דער אַמעריקאַנער זאָגט: „אַיי שוד וואָררי“!

ב. שייפער, מעמבער בר. 29 באָפפלא, נ. י.

---

# נייעס פון די ברענטשעס

---

פערטעל יעהרליכער בעריכט פון דער הארטפאָרדער ד. ק.

גלייך נאָך אונזער אינסטאָליישאָן האָבען מיר צוזאַמענגערופען אַ דיסטריקט מיטינג אויסצוארבייטען פּלענער אויף אנגעהן ווייטער מיט דער ארבייט. מיר האָבען זיך איינגעטיילט אין 2 סאָב קאָמיטעס, אָרגאַניזאציאן און עדיוקיישאָן.

די אָרגאַניזאציאנס קאָמיטע האָט זיך גלייך געשטעלט אין פערבינדונג מיט די סעקרעטערע פון דיסטריקט, פערלאַנגענדיג פון זיי אויסקינפטע וועגען דער ארבייט וואס עס געהט אָן ביי זיי אין די ברענטשעס. כמעט אַלע ברענטשעס האָבען אונז געענטפערט אז זיי נויטיגען זיך אין קרעפטע וועלכע זאָלען אויפלעבען די ארבייט. מיר האָבען איינגעזעהן, אז קיין אַנדערע מיטעל איז נישטאָ ווי שיקען פערטרעטער צו יעדער ברענטש, וואָס איז אויך געטהאָן געווארען. די אַלע ברענטשעס וואס זיינען בעזוכט געווארען האָבען געהאַט ערפאָלג אין זייער ארבייט.

מיר האָבען בעזוכט דעם „אדעסער פּראָגרעסיוו אונטערשטיצונגס פעראיין“, און נאָך איניגע פערהאנדלונגען וואס זיינען פארגעקומען צווישען דער אָרגאַניזאציאנס קאָמיטע און דער קאָמיטע פון פעראיין איז אונז געלונגען זיי צו אָרגאַניזירען אלס א ברענטש פון ארב. רינג, מיט דעם נאָמען: אדעסער בר. 523. די אינסטאָליישאָן איז פאָרגעקומען דעם 18טען נאָוועמבער ביי א פול געפאקטען האָל.

בר. 145 וויליאַמענטיק, האָט געהאַט דעם ערשטען יעהרליכען יובילעאום, וועלכער איז דורכגעפיהרט געווארען מיט פּראַכט און גלאַנץ. עס איז אויך געזאמעלט געווארען פאר הילקוויט'ס קאמפּיין 18.85. מיר האָבען אויך אין הארטפאָרד דורכגעפיהרט א מיטינג מיט פר. אב. עפּשטיין, פאר הילקוויט'ס קאמפּיין, און עס איז געזאמעלט געווארען איבער 100 דאָלאר.

מיר גרייטען זיך זעהר צום סאניטאָריום טאָג, און אויך צום קאמפּיין פאר נייע 10,000 מעמבערס.

די עדיוקיישאָנאל קאָמיטע האָט דורכגעפיהרט 2 לעקטשורס מיט גענ. צבין: בייטאָג אין הארטפאָרד און ביינאַכט איינע אין נאָרוויטש און איינע אין מערידען, וועלכע האָבען זיך איבעראל געקרוינט מיט אַ מאָראַלישען ערפאלג, אָבער פינאַנציעל איז נישט זעהר פרעתליך. די איבעריגע לעקטשורערס וועלען זיין דר. ראָזענבלאַט, ב. וולאַדעק און הלל ראגאָף.

די דיסטריקט קאָמיטע האָט אָפּגעהאַלטען א דזשאָינט מיטינג פון אַלע ברענטשעס ביי וועלכע פר. באסקין און פר. יאָנאַס זיינען אנוועזענד געוועזען. אין האָל זיינען געוועזען ביי 800 מעמבערס.

ד. שטאהל, סעק.

---

## אַ בריעף פון פריהאָלד, נ. דזש.

ניט לאַנג צוריק האָט אונז בעזוכט דער דזשענעראַל סעקרעטער י. באַסקין. עס איז געווען אַ פרייד צו זעהן, ווי ער האָט אונז ערקלערט די נויטווענדיגקייט פון פּראַטוירנאַל רייטס, אַז אפילו די גרעסטע געגנער האָבען געשטימט דאַפיר. און נאָך אַ זאַך האָט פריינד באַסקין אויפגעטהאָן מיט זיין קומען. ער האָט אַביסעל אויפגעקלערט די מעמבערס. אַלע זיינען אַזוי צופרידען פון יענעם מיטינג אַז דער אַרבייטער רינג איז ביי זיי טייערער געוואָרען. עס זיינען אַנוועזענד געווען ביי יענעם מיטינג עטליכע זייטיגע מענשען וואָס האָבען אַלעס צוגעזעהען און צוגעהערט, איז אויף מאָרגען געווען אויף די גאַנצע שטעדטעל. עס איז זעהר ווינשענסווערט אַז פון צייט צו צייט זאָל ווער ניט איז בעזוכען אַזעלכע ברענטשעס אין אַזעלכע קליינע שטעדטלעך, ווייל עס גיט אַריין נייעס לעבען אין ברענטש, און די טהעטיגערע מעמבערס אַרבייטען מיט מעהר חשק. מיר דיינקען, אַז די דזשענ. עקזעקוטיווע האָט זיך אַביסעל מעהר געדאַרפט אָפּגעבען צו די קלענערע שטערטלעך, ווארום מאַנכעס מאָל וואָלטען די מעמבערס אַליין מעהר טהעטיג געווען ווען מען וואָלט זיי אָנגעצייגט דעם וועג און אונטערגעגעבען אַביסעל מוט מיט דעם וואָס אימיצער אַן אויטסיידער וואָלט אַנוועזענד געווען ביים מיטינג. מיר מיינען ניט דוקא אַז אימיצער פון דער דזשענ. עקזעקוטיווע זאָל קומען. אויף דעם זיינען פאַראַן די דיסטריקט קאָמיטעען וואָס וואָלטען געדאַרפט עס טהאָן, נאָר לײדער טהוען זיי עס ניט. אָט, צום ביישפּיעל איז ביי אונז דריי מאָל געווען די זעלבע זאַך וואו די נואַרקער דיסטריקט קאָמיטע האָט אונז דיסאַפּאָינטעט, זיי האָבען געזאָלט קומען און קיין איין מאָל ניט ערפילט זייער צוזאָג. נאָר לאָמיר האָפען, אַז עס וועט אויף ווייטער זיין בעסער.

דזש. קופּער, סעק. בר. 606 אַ. ר.

---

וויטעבסקער אָרגאַניזאַציאָן פון „בונד“, ברענטש 224 אַר. רינג.

אונזער ברענטש האָט היי־יאָהר פערענדיגט זיין 10־יאָהריגען עקזיסטענץ. געגרינדעט פון אַ גרופּע בונדיסטען מיט 10 יאָהר צוריק, האָט נאָך אונזער ברענטש ניט פערלאָרען דעם גייסט און דעם אידעאַליזם, וועלכע די גרינדער האָבען אין איהם איינגעפלאַנצט אין די ערשטע יאָהרען. און אין אַ צייט, ווען ער הויבט זיך אויף אַ געזעלשאַפטליכע בעוועגונג סיי דאָ אין אַמעריקאַ, סיי אין אונזער אַלטער היימאט רוסלאַנד, וועלכע פאָדערט אונזער גייסטיגע און מאַטעריעלע הילפע, געפינט זיך אונזער ברענטש אין די ערשטע רייהען, טהוענדיג די. נויטיגע אַרבייט מיט מוט און בעגייסטערונג.

דיעזען פערגאַנגענעם יאָהר איז פיעל צייט און ענערגישע טהעטיגקייט פערבראַכט געוואָרען פון אונזער ברענטש פיר דעם „רעליעף פאַר מלחמה קרבנות פון וויטעבסקער גובערניע. דיעזער „רעליעף“ איז געשאַפען געוואָרען דורך דער איניציאַטיווע פון אונזער ברענטש, וועלכער האָט פעררופען צו אַ קאָנפערענץ פאַר דיעזען צוועק פערטרעטער פון אָרגאַניזאַציאָנען פון די פערשיעדענע שטעדטלעך פון וויטעבסקער גובערניע דאָ אין ניו יאָרק און מיט דער הילפע פון אונזער הבר נח ראַפּאָפּאָרט, וועלכער איז ווירקליך געוועזען די נשמה אין דיעזער נאָבעלער בעוועגונג, האָט אונזער ברענטש מיט ערפאָלג דורכגעפיהרט זיין טחיול אַרבייט אין אַלע אונטערנעהמונגען.

און לעצטען מארטש, ווען עס האָט זיך דערטראָגען צו אונז די פריעהליכע בשורה, אַז די זון פון פרייהייט האָט בעלויכטען גאַנץ רוסלאַנד, האָבען מיר גלייך געשיקט 60 דאָלאר — 200 רוסישע רובעל, צום „בונד“, און אין דיעזען מאָנאַט דעצעמבער נאָך 25 דאָלאר — דאָס זאָל זיין אונזער טהייל נויטיגע שטיצע צו אָנפיהרען די גייסטיגע טהעטיגקייט צווישען די אידישע אַרבייטער פאַר דעם ערפאָלג פון דער רעוואָלוציאָן אין רוסלאַנד.

מיר האָבען אויך דורך פרייוויליגע דאָנײשאָנס פון ברענטש מעמבערס און סימפּאַטייזערס געשאַפען אַ סומע איבער 40 דאָלאר אין צוגעגרייט אַ שעהנע מתנה אונזערע קעמפּפענדע ברידער אין רוסלאַנד

— דאָס איז אַ רויטע רעוואָלוציאָנערע פריוויטיס־פאָהן, וועלכע ווערט געשיקט ביי דער ערשטער מעגליכקייט צום קאָמיטעט פון „בונד“ אין וויטעבסק.

אונזער ברענטש האָט דורך דעם יאָהר געלייסטעט פינאַנציעלע הילפע צו פערשיעדענע טשאַריטי אָרגאַניזאַציאָנען, צו סטרייקס, סאָציאַליסטישע פרעסע און סאָציאַליסטישען קעמפּיין.

הויפּטזעכליך אָבער זיינען אונזערע בעסטע קרעפטען און ענערגיע פערשוועגדעט געוואָרען אויף די אויבענדערמאָהנטע אונטערנעהמונגען, ווי אויך אויף דער הילפע, וועלכע מיר האָבען געשאַפען פאַר אונזער'ן אַ קראַנקען מעמבער דורך דריי פערשיעדענע ענטערטיינמענטס און דאָרום איז אונזער ברענטש אַלס אָרגאַניזאַציאָן הינטערשטעליג געבליבען אין גייסטיגען הינזיכט, נעהמענדיג וויניג אינטערעס אין ארמיגער אַמעריקאַנער אִינסטיטוציאָנען און פּראָגרעסיווער געזעלשאַפטליכער אַרבייט. דיעזער פעהלער וועט פערריכטען ווערען אין קומענדען יאָהר.

אונזער היי־יאָהריגער באָלל האָט געבראַכט מאַטעריעלען און מאָראַלען ערפאָלג. מיר קריגען אַריין נייע 15 מעמבערס. אונזער ברענטש פערמאָגט א ספּעשעל סיק פאָנד, געבענדיג 14 וואָכען עקסטראַ בענעפיט צו 2 דאָלאַר, אַ פאָנד פאַר'ן „בונד“. אויך ווערט יעצט געשאַפען אַ לאָאַן פאָנד. מיר האָפען און ערוואַרטען, דאָס אונזער ברענטש וועט אין קומענדען יאָהר אין זיין טהעטיגקייט זיין פיעל גייסטרייכער און וועט צושטעלען די פולע פרוכט פון זיין אַרבייט צום אוניווערסאַלען צוג פאַר אלמענשליכען גליק, ווי עס דאַרף געטהאָן ווערען פון יעדען לעבעדיגען צווייגעל אין אונזער גרויסען אַרבייטער רינג.

מ. סלאַווין, פינ. סעק.

---

קאָנפערענץ פון סעקרעטערע און האָספּיטאַלער אין באַלטימאָר.

איינבערופען פון דער בענעפיט קאָמיטע. פר. גאָלדינג פון ניו יארק איז אנוועזענד. עס זיינען פערטראַטען 10 ברענטשעס. פאלגענדען טאַגעס אָרדנונג לייגט פר. גאָלדינג פאָר צו דיסקוטירען: 1) אויב עס וואָלט געוועזען בעסער איינצופיהרען דזשענעראל האָספּיטאַלער אין אלע גרויסע סענטערס; 2) די אויפפאסונג פון סעקרעטערע אויף די סיק סערטיפיקייטס, אז זיי זאלען זיין ריכטיג אויסגעפילט; 3) אויב עס איז נויטיג צו האָבען א פאָנד פאר אינוואלידע מעמבערס.

דיזע פראגען ווערען דיסקוטירט. וועגען דער פראגע פון א דזשענעראל האָספּיטאלער זיינען אלע געגען. פיעלע זיינען מיט דער ... יוען מען זאָל פערקלענערען די צאָהלונג פון דער ערש־... דאָלאר וועט דאָס טרעפען די, וועלכע מאכען זיך ... האָבען בעמערקט, דאס אויב מען צאָהלט אויס צו־פיע/... בעסער אפּשאפען די 15 וואכען בענעפיט און צאָהלען 12 וואכען ווי בעפאר. נאָר אלע זיינען איינפערשטאַנען אז א בעסערע אויפפאסונג פון די ברענטשעס אליין וואָלט א סך אויפגעטהאָן. וועגען אינוואלידע מעמבערס דריקט זיך אויס דער קאָנפערענץ דאַפיר.

עס ווערט בעשלאָסען צו בעדאנקען די בענעפיט קאָמיטע דורך פר. גאָלדינג פאַר שיקען צו אונז אַ פערטרעטער דורכצורעדען זיך וועגען אזוינע וויכטיגע פראגען. די סעקרעטערע פערפליכטען זיך אויפצופאסען אויף די סיק סערטיפיקייטס, ווי אויך אז די סערטיפיקייטס זאלען ווערען ריכטיג אויסגעפילט. מיר דיינקען דאס אזעלכע קאָנפערענצען פון צייט צו צייט קענען פיעל גוטעס אויפטהאָן.

ק. שמאגעלסקי, סעק.

---

ש. פרוג בר. 145 א. ר. וויליאַמאנטיק, קאָנג.

אונזער ברענטש, וועלכער איז געגרינדעט געווארען דעם 8טען אָקטאָבער 1916 און איז אינסטאָלירט געווארען אין דזשענעראל אָפיס דעם 28טען אָקט. 1916, האָט געפייערט זיין ערשטען יאהרעספעסט מיט 34 גוטשטעהענדע מעמבערס אנשטאט די 15, בישעת מיר האָבען זיך געגרינדעט.

די פייערונג איז דורכגעפיהרט געווארען מיט פראכט און גלאַנץ. פאָלגענדע געסט זיינען געוועזען אנוועזענד פון די הארטפארד דיסטריקט קאָמיטע: פר. גאָלדענטאַל, סעק, גערשענאָוויץ און סטאלל. פר. גאָלדענטאלל האָט געהאט די עהרע צו זיין טשערמאן. ער האָט געהאלטען א גלענצענדע רעדע און איז שטאַרק אפּלאָדירט געווארען. אויף דעם אפּיעל פון פר. סטאלל איז געזאמעלט געווארען 19 דאָל. פאר הילקוויט'ס קאמפּיין. אונזער הערצליכען דאנק צו דער הארטפארי־

דער קאָאָפּעראַטי... ...יי פאר דעם פרעזענט וואס זיי האָבען אונז צוגעשיקט. דיזע ... (א גרויסע חלה) האָט אַריינגעבראַכט אין אונזער בר. עטלי...

סעם שפּיעגעל, פרעס קאָמ.

---

* * *

דער ברע... ר. האָט גערופען אַ קאָנפערענץ פון אַלע ראַדיקאַלע אָרג... אום צו שאַפען עטוואָס געלד אויף העלפען אָנפיהרען ד... גונג פון די פיהרער פון דער ציגאַרען מאַכער יוניאָן, און ...נקעדזש פּאַרטיי האָבען מיר געשאַפען 40.10 דאָל.

ר. קראַקאָוו, סעקר.

## 304 און 207

ברענטש 304, סיאַטעל, וואשינגטאָן, האָט געזאמעלט איבער 300 דאָלאר און בר. 207, אַטלאַנטאַ, דזשאָרדזשיא, איבער 400 דאָלאר פאר דעם 25 טויזענד דאָלארדיגען פאָנד וואס די עקזעקוטיוו האָט זיך אונטערגענומען צו שאפען פאר די מלחמה קרבנות. פּיעלע אַנדערע ברענטשעס האָבען אויך געזאַמעלט בעדייטענדע סומען. מסתמא וועט אייער ברענטש אויך ניט אָבשטעהן און טהאָן זיין פליכט.

ניט אמת?

---

## דער אַרבייטער רינג פאָלקס אוניווערסיטעט

דורך קאָרעספּאָנדענץ

אין איינינגע טעג אַרום הויבען אָן אַרויסגעשיקט צו ווערען די קורסען פון אַר. רינג'ס פאָלקס־אוניווערסיטעט.

עס ווערען געלערענט פאָלגענדע געגענשטענדע:

1. פּאָליטישע עקאָנאָמיע (ערשטער און צווייטער קורס); לעהרער א. ש. זאַקס.

2. פיזיאָלאָגיע (ערשטער און צווייטער קורס); לעהרער דר. י. א. מעריסאָן.

3. געאָלאָגיע (ערשטער און צווייטער קורס); לעהרער דר. אב. קאַספּע.

יעדער קורס בעשטעהט פון 10 לעסאָנס. די לעסאָנס ווערען געדרוקט און ווערען צוגעשיקט אהיים צו די שילער, יעדע וואָך אַ לעסאָן.

די שילער פרעגען אָן שריפטליך די לעהרער, אויב עס איז זיי עפּעס ניט קלאָר, און קריגען אַ שריפטליכען ענטפער פון לעהרער.

פרייז פאַר יעדען קורס פאַר אַרבייטער רינג מעמבערס בלויז 50 סענט (פאַר ניט מעמבערס — 1 דאָלער).

**פערשרייבט זיך גלייך!**

# נײַע אויסגאַבען פון דער עדיוק. קאָם.

אָנפאַנג פעברואַר ערשײנען פאָלגענדע נײַע ביכער:

## 1. אסטראָנאָמיע

אַרום 300 זײַטען מיט מאַסען אילוסטראַציאָנען און צײכנונגען.

פון דר. ב. האָפמאַן (צביון).

## 2. פיזיאָלאָגיע

96 זײַטען; 40 צײכנונגען.

פון דר. י. א. מעריסאָן.

## 3. פאָליטישע עקאָנאָמיע

112 זײַטען

פון א. ש. זאַקס.

## 4. געאָלאָגיע

1[illegible] זײַטען; 26 צײכנונגען.

פון דר. אב. קאַספּע.

די ביכער קומען עלעגאַנט געבונדען.

געניערס אין נעקסטען נומער „פרײַנד“.

עדיוקײשאַנאַל קאָמיטע אַרבײטער רינג

MARCH 1918

# פריינד

ארבייטער רינג

## אינהאלט



D. Foshko

OFFICIAL ORGAN OF THE WORKMENS CIRCLE.



**THE FRIEND**

OFFICIAL ORGAN OF THE WORKMEN'S CIRCLE

Published Monthly

Office of Publication:
62 Van Buren St. Passaic, N. J.
General Office:
175 E. Broadway, New York, N. Y.

Subscription Rates:
Per Annum, 50c. Six Months, 25c.
Single Copy, 5 cts.

Entered as second class matter April 21, 1911, at the Post Office at Passaic, New Jersey, under the Act of July 16, 1914.

THE FRIEND



דער פריינד

Vol. IX — MARCH, 1918 — No. 3


# פון מאנאט צו מאנאט.

**עס איז נאך צייט.**

איהר קענט נאך אריינשיקען אייערע בייטרעגע פאר די אידישע מלחמה קרבנות, אז זיי זאלען זיין געדרוקט אין די „גאלדענע בלעטער" פון „פריינד". דער ספעציעלער נומער „פריינד", אין וועלכען עס וועלען זיין געדרוקט אלע בייטרעגע צו דעם הילפס־פאנד פון ארבייטער רינג פאר די אידישע מלחמה קרבנות, וועט ערשיינען ענדע מאנאט מערץ. אלע בייטרעגע וועלכע וועלען אריינקומען אין אפיס ניט שפעטער ווי ביז צום 18טען מערץ, וועלען נאך קענען געפינען א פלאץ אין די „גאלדענע בלעטער". זאל דעריבער יעדער שיקען זיין בייטראג און פערגרעסערען די סומע, וואס דער ארבייטער רינג זאמעלט פאר אונזערע אונגליקליכע ברידער און שוועסטער אויף יענער זייט ים. עס איז דער לעצטער רוף, די וואס האבען זיך נאך ביז איצט ניט אבגערופען זאלען עס איצט טהאן. זיי דארפען עס טהאן. דער ארבייטער רינג האט גענומען אויף זיך א הייליגע אויפגאבע, א הייליגע ארבייט. זאל יעדער מיטגליעד פון ארבייטער רינג זיין אין איהר בעטהייליגט, זאל יעדער מיטהעלפען, זאל יעדער ביי־טראגען מיט וואס ער קען. עס האנדעלט זיך וועגען די לעבענס פון הונדערטע טויזענדע אומגליקליכע פרויען, מענער און קינדער, וועלכע געהען אויס פון הונגער און פון נויט. יעדער וואס קען העלפען, מוז העלפען.

**אויף דער טאגעס־ארדנונג.**

ביי יעדען ברענטש פון ארבייטער רינג, דארף שטעהן אויף דער טאגעס־ארדנונג די פראגע פון ארייננעהמען נייע מיטגליעדער. דאס איז א פראגע, וואס דארף שטעהן אויפ'ן טאגעס־ארדנונג פון יעדע מיטינג פון די ברענטשעס א גאנץ יאהר און נאך מעהר איצט, אין דער צייט, ווען עס ווערט אנגעפיהרט א קעמפיין פאר נייע צעהן טויזענד מיטגליעדער ביז צו דער קאנווענשאן.

די קאנווענשאן איז שוין ניט ווייט. און עס דארפען דעריבער געמאכט ווערען אלע אנשטרענגונגען, אז דער קעמפיין זאל זיך ענדיגען מיט אן ערפאלג. זאלען די ברענטשעס, די איינצעלנע מיטגליעדער פון ארבייטער רינג די פאאר חדשים, וועלכע זיינען נאך געבליבען ביז צו דער קאנווענשאן, ניט זשאלעווען קיין מיה און קיין ענערגיע צו שאפען נייע מיט־גליעדער פאר'ן ארבייטער רינג, און דער ערפאלג וועט זיין א זיכערער. יעדער ברענטש וואס קריעגט אריין נייע מיטגליעדער, טהוט צו אלער ערשט זיך אליין א טובה. עס איז אין זיינע אייגענע אינטערעסען צו בערגרעסערען זיין מיטגליעדער־צאהל. יעדער מיטגליעד, וואס העלפט פערגרעסערען זיין ארגאניזאציאן, געווינט צו אלעם ערשט אליין דערפון. עס איז זיין אייגענער בענעפיט. וואס גרעסער און וואס שטארקער עס ווערט דער ארבייטער רינג, אלין לייכטער ווערען די קאסטען פון די איינ־צעלנע מיטגליעדער.

זאל דעריבער יעדער ערפילען זיין פפליכט צו זיין ארגא־ניזאציאן און טהאן אלעס מעגליכעס צו מאכען דעם קעמפיין פאר נייע צעהן טויזענד מיטגליעדער ביז דער קאנווענשאן פאר אן ערפאלג.

**אונזערע ביכער.**

די טעג וועלען ערשיינען פון דרוק 7 נייע ביכער פון דער ארבייטער רינג ביבליאטעק, וואס די עדיו־קיישאנאל קאמיטע גיט ארויס. פון דיזע זיבען ביכער איז איינס א גרעסערעס בוך איבער אסטראנאמיע פון דר. ב. האפמאן (צביון), זעהר פאפולער געשריבען און זעהר רייך אילוסטרירט; צוויי ביכער איבער פאליטישע עקאנאמיע פון א. ש. זאקס; צוויי ביכער איבער געאלאגיע פון דר. אב. קאספע און צוויי ביכער איבער פיזיאלאגיע פון דר. י. מעריסאן. סאי די געאלאגיע, סאי די פיזיאלאגיע, ענטהאלטען פיעלע אילו־סטראציעס און צייכנונגען. אלע ביכער זיינען פראכטפול גע־בונדען.

די נייע זיבען ביכער, וואס די עדיוקיישאנאל קאמיטע האט ארויסגעגעבען, דארפען זיך געפינען אין הויז ביי יעדען מיטגליעדער פון ארבייטער רינג, וואס וויל זיך לעהרנען און ביל־דען. אלע ביכער זיינען גענוג פאפולער געשריבען, אז מען זאל זיי קענען לייכט פערשטעהן און פיעל פון זיי לערנען. זיי שטעלען מיט זיך פאר א קליינע וויסענשאפטליכע ביבליאטעק, וואס יעדער אינטעליגענטער ארבייטער דארף ביי זיך האבען. און דער פרייז פון די זיבען ביכער איז געמאכט געווארען אזוי קליין, דאס יעדער מיטגליעד פון ארבייטער רינג זאל זיך זיי קענען איינשאפען. אלע זיבען ביכער צוזאמען קאסטען בלויז אנדערטהאלבען דאלאר. דאס איז אן אונגלויבליכער בי־ליגער פרייז, און בלויז די ארבייטער רינג מיטגליעדער, וועלכע וועלען בעשטעלען די ביכער ביז צום ערשטען מאי, וועלען זיי בעקומען פאר דיעזען נידעריגען פרייז. פון ערשטען מאי וועט די עדיוקיישאנאל קאמיטע די ביכער מוזען פערקויפען טהייער. פאר ניט מיטגליעדער פון ארבייטער רינג וועלען די בי־כער פערקויפט ווערען ביז צום ערשטען מאי פאר 3 דאלאר, שפעטער — פאר 3 דאלאר 50 סענט.

זאלען דעריבער די מיטגליעדער פון ארבייטער רינג זיך בענוצען מיט דער געלעגענהייט, וואס די עדיוקיישאנאל קאמיטע גיט זיי, און גלייך אריינשיקען אין אפיס פון ארבייטער רינג זייערע בעשטעלונגען. די ביכער געפינען זיך ביים איינבינדער און וועלען אין איניגע טעג ארום זיין אין אפיס.

**די צוקונפטיגע פערוואלטער פון ארבייטער רינג.**

די קאנפערענץ צו נאמינירען קאנדידאטען פאר דער נעקסט־יאהריגער פערוואלטונג פון ארבייטער רינג, האט אבגעטהאן איהר ארבייט. און איצט דארפען די מיטגליעדער פון ארביי־טער רינג טהאן זייער ארבייט. די קאנפערענץ האט נאמינירט קאנדידאטען, פון וועלכע די גרויסע מיטגליעדערשאפט פון אר־בייטער רינג וועט דארפען אויסוועהלען 30, צו זיין די נעקסטע פערוואלטער פון ארבייטער רינג. די 30, וועלכע וועלען ביי דער רעפערענדום־אבשטימונג קריגען די גרעסטע צאהל שטי־מען, וועלען זיין די ערוועהלטע, און אין זייערע הענד וועט אי־בערגעגעבען ווערען די פערוואלטונג פון ארבייטער רינג פאר דעם נעקסטען יאהר. און מיר וואלטען ווינשען, אז יעדער

מיטגליעד פון ארבייטער רינג זאל ערפילען זיין פליכט און זיך בעטהייליגען אין דער רעפערענדום־אבשטימונג. מיר וואלטען ווינשען, אז די צאהל אבגעגעבענע שטימען פאר די קאנדידאטען פון דער נעקסטער פערוואלטונג זאל זיין אזוי גרויס, ווי נור מעגליך. יעדער מיטגליעד דארף האבען אן אינטערעסע אין דער פערוואלטונג פון זיין ארגאניזאציאן און דארף זיך דריבער בעטהייליגען אין דעם וואהל פון איהרע פערוואלטער.

וואס גרעסער עס איזי די צאהל פון די, וועלכע בעטהייליגען זיך אין די וואהלען, אלץ וויניגער צופעליג זיינען די רעזולטאטען. צום בעדויערען אבער האלטען פיעלע פון אונזערע מיטגליעדער גאר ניט וויכטיג זיך צו בעטהייליגען אין די וואהלען און א רעפערענדום פאר דער פערוואלטונג ווערט אבגעשטימט מיט דריי־פיער טויזענד שטימען און אמאל מיט נאך וויניגער. דיעזע גלייכגילטיגקייט צו די וואהלען איז ווירקליך אן אונפערצייהליכע. און מיר ווען דעריבער אפעלירען צו אונזערע מיטגליעדער, אז זיי זאלען זיך בעציהען ערנסטער צו די וואהלען פון זייערע פערוואלטער און האלטען פאר זייער פליכט זיך צו בעטהייליגען אין דער רעפערענדום־אבשטימונג.

---

**דאס רעפערענדום וועגן ארבייטער רינג שולען.**

די קאנפערענץ, וועלכע די עדיוקיישאנאל קאמיטע האט צונויפגערופען אין ניו יארק וועגען גרינדען אידישע ארבייטער רינג שולען, האט ארויסגעשיקט א רעפערענדום צו אלע ארבייטער רינג ברענטשעס אין ניו יארק וועגען א שטייער פון 5 אדער 3 סענט א קווארטאל פער מעמבער, צו שאפען א פאנד פאר די שולען, וואס דארפען געגרינדעט ווערען.

די פראגע וועגען אידישע ארבייטער רינג שולען איז ביי אונז שוין ניט קיין נייע. זי איז שוין פערהאנדעלט געווארען ביי דריי קאנווענשאנס, און איין קאנווענשאן נאך דער אנדערער האט זיך ארויסגעזאגט צו גונסטען פון אזעלכע שולען. די לעצטע קאנווענשאן האט זאגאר אנגענומען א בעשלוס, אז די עדיוקיישאנאל קאמיטע זאל זעהן צו פערווירקליכען די אידעע פון אידישע ארבייטער רינג שולען אין לעבען. דער בעשלוס פון דער קאנווענשאן האט אבער ביז איצט געמוזט בלייבען בלויז א פרומער וואונש, ווייל זי האט ניט בעוויליגט קיין פאנד פאר די שולען, און דער פאנד פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע איז אזא קליינער, דאס זי קען ביי איהר בעסטען ווילען די שולען, וואס דארפען געגרינדעט ווערען, ניט פינאנסירען. דער איינציגער מיטעל און אויסוועג צו שאפען א פאנד פאר די שולען איז, אז די מיטגליעדער פון ארבייטער רינג אין יעדער שטאדט, וואו אזעלכע שולען דארפען געעפענט ווערען, זאלען צאהלען א געוויסען שטייער פאר דעם צוועק. אין איינינע קאנטרי שטעדט, וואו ארבייטער רינג שולען זיינען געעפענט געווארען, האבען די ברענטשעס פון ארבייטער רינג, ווי אויך די איינצעלנע מיטגליעדער געשאפען די מיטלען. אנדערש קען עס אויך ניט זיין אין ניו יארק.

די שול קאנפערענץ האט דעריבער ארויסגעשיקט א רעפערענדום צו אלע ברענטשעס פון ניו יארק, אז זיי זאלען בעשטימען מיט וויפיעל זייערע מיטגליעדער זאלען בעשטייערט ווערען פאר דעם שול פאנד, און מיר ווילען האפען, אז אלע ברענטשעס פון ניו יארק, אהן אן אויסנאהמע, וועלען דעם רעפערענדום גוט הייסען און וועלען דערמיט שאפען דעם נויטיגען פאנד פאר די שולען, וועלכע דארפען געגרינדעט ווערען.

מיר גלויבען, אז די גרינדונג פון אידישע ארבייטער רינג שולען איז געווארען א נויטווענדיגקייט. וואס ווייטער ווערט אויף זיי אליץ א גרעסערע פאדערונג. די ארבייטער רינג מיטגליעדער, וועלכע האבען קינדער פון שול־עלטער און ווילען זיי אויך געבען א אידישע ערציהונג, אבער אין א ראדיקאלען גייסט, פערלאנגען, אז מען זאל זיי געבען די מעגליכקייט זייער וואונש צו ערפילען און אז זיי זאלען ניט זיין געצוואונגען צו שיקען זייערע קינדער אין תלמוד תורות, וועלכע זיינען געגען זייער גייסט און געגען זייערע איבערצייגונגען.

מיר גלויבען דעריבער, אז די אידישע ברענטשעס פון ניו יארק וועלען דעם רעפערענדום אויפנעהמען מיט דעם גאנצען ערנסט, וואס ער פערדיענט, וועלען די פראגע דיסקוטירען און וועלען שטימען, אז דער פערלאנג פון דער שול קאנפערענץ, וואס איז אויך דער פערלאנג פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע, ווי די גענעראל עקזעקוטיווע אין גאנצען, זאל גוט געהייסען ווערען און אז דער פערלאנגטער שטייער זאל בעווילינט ווערען.

---

**וויליאם באקסט**

# איינדריקע פון סאניטאריום.

(כמעט א פעליעטאן)

איך האב פערבראכט צוויי טעג אין ארבייטער רינג סאניטאריום, און איך האב גרויס עגמת נפש געהאט פון דעם. ניט חלילה פון די אויפנאהמע וואס איך האב דארטען געקראגען, נאר פון דעם וואס איך בין אזא „קאליקע“, און איך קען ניט בעשרייבען דאס וואס איך האב דארטען געזעהן און דורכגעלעבט.

אך! ווי עס פערדריסט, וואס אין די יונגע יאהרען, ווען עס איז נאך געווען צייט זיך צו לערנען שרייבען, איז נאך ניט געווען קיין עדיוקיישאנאל קאמיטע אין א. ר. ... ווי גליקליך איך וואלט מיך געפיהלט פון די מעגליכקייט זיך צוטהיילען מיט מיינע איינדריקע מיט די מעמבערס פון א. ר.

* * *

מעגליך, אז דער סאנאטאריום האט חסרונות, איך בין ניט קיין עקספערט אין אזעלכע ענינים. עס איז ניט אין מיין ליין צו טאפען די ווענד...

מיר האבען אמאל געהאט אין א. ר. אינשורענס לייט וועלכע זיינען געווען עקספערטען אויף ארכיטעקטור, און שוסטערס זיינען געווען מבינים אויף פיינטעריי... איך בין ניט קיין גדיבלער און זוך זיך ניט קיין צרות.

און דאך האט נאך מיין מיינונג דער סאנאטאריום א גאנץ גרויסען חסרון, און גאט וואס:

מען מוז קריגען קאנסאמפשאן אום דארטען צו זיין. אן אמענדמענט צו דער קאנסטיטושאן וואלט געווען אם פלאטץ...

* * *

איך האב געוואלט מיט די סאנאטאריום קאמיטע מאכען א „דיעל“, איך גיב זיי אוועק אויף דעם סאנאטאריום מיינע פיער הונדערט דאלאר אינשורענס, און זיי זאלען מיר געבען פיער וואכען סאנאטאריום טריטמענט. ווילען זיי ניט.

אז איך וויל זיי ברייגען מיין „דעטה סערטיפיקייט“, זאגען זיי, וועלען זיי עס דאן פערהאנדלען.

* * *

מען דערצעהלט מיר, אז מאנכע מעמבערס פון א. ר., איבערהויפט די אנגעצויגענע מיט די שטייפע קאלנערס, פלעגען האבען א מנהג, קומענדיג אין סאנאטאריום, זיך נאכפרעגען ביי די פאציענטען אויף זייער געזונד. אויף דעם זעלבען שטייגער ווי א רוסישער גענעראל פלעגט אויסשרייען צו זיינע סאלדאטען „זדראוויא רעביאטא“. דאס ווירקט זייער שלעכט אויף אונזערע קראנקע חברים

א פריינדליכען פנים, א פרעהליכען שמייכעל און א ווארימע האנד־דריק, ווירקט זעהר גוט נאך אזעלכע עסענס וואס מען גיט דארטען. די פארשטעהער פון א. ר. וועלכע זיינען געווען צום יאהרעספעסט האבען עס געטרייט, און די רעזולטאטען זיינען געווען גלענצענדע....

# די ערציהונגס מעגליכקייטען פון אַרבייטער רינג.

מ. באַקאַל

## פראַקטישע ערציהונג.

דער ארבייטער רינג איז אין עצם א גרויסע קולטור בעוועגונג. דאס וואס ער אָרגאַניזירט צעהנדליגע טויזענדער אידישע אַרבייטער, וועלכע ווערען פערקניפּט און פערבונדען מיט איינע און דיזעלבע אינטערעסען, וועלכע פערהאנדלען בעיינאַנד וויכטיגע און גרויסע פּראָבלעמען, איז שוין א בעדייטענדער קולטור פּאַקטאָר. דאָס וואָס יעדער מיטגליעד ווערט דורכגעדרונגען מיט דעם גייסט פון דעם כלל, דענקט וועגען וואָהלזיין פון גאַנצען אָרדען, און פערוואַנדעלט עס אלס זיין אייגענע פּראָבלעמע. דאָס אַליין ברייטערט אוים דעם גייסטיגען און דעם סאָציאַלען האָריזאָנט פון יעדען בעזונדערען מיטגליעד און במילא שוין פון די ברענטשעס און גאַנצען ארבייטער רינג.

די מיטגליעדער, אין זייער פשוט'ער טאָג-טעגליכער טהעטיגקייט : ווי פערהאַנדלונגען וועגען שטיצע פאָנדען, רייטס, אונטערנעהמונגען, א. ז. וו., לעהרנען און שטודירען פראגען, בעציהונגען און כּהנת. זיי קריגען אַ קלאָהרען בעגריף וועגען וויכטיגע זייטען פון מענשליכען און געזעלשאַפטליכען לעבען. עס צווינגט זיי נאָכצודענקען, נאָכצוטראַכטען איבער פאר זיי נייע און נויטווענדיגע פראַגען. אָפט מאָל פאָדערט עס צו לעזען און אויסצוגעפינען אינפאָרמאציאָנען און פאקטען, טעאָריען און בעגריפען.

עס איז אַ טעות אין פּשט צו מיינען, אז ערציהונג בעשטעהט נאָר אין ביכער לעזען און רעפעראַטען הערען. דאָס פּראַקטישע פשוט'ע לעבען, איז פון דער הויפּט וויכטיגקייט פאָר דער ענטוויקלונג פון מענשליכען גייסט, מענשליכע געפיהלען און מענשליכע בעציהונגען. די ערפאַהרונג גיט אייך ניט נאָר צו פערשטעהן די פערגאַנגענהייט, וועגען זאכען וועלכע האָבען שוין פּאסירט, נאָר עס גיט אייך אַ מעגליכקייט צו בעגרייפען און צו אריינדרינגען אין דער צוקונפט.

דער מענש וועלכער איז נאָר אָנגעזאָפּט מיט'ן בוך, איז סוף כל סוף אַ האַלב געלערנטער. זיין קענטעניש איז בעגרעגעצט אין די ד' אמות פון קאבינעט. דאָס פּראַקטישע לעבען איז די לאַבאָראַטאָריום, וואו טעאָריעס און בעגריפען ווערען אויסגעפּרובירט, ווערען אָנגעווענדעט ·צוליעב נוצבאָרע צוועקען.

דער אַרבייטער רינג דעקט אויף זעהר אַ ברייטע פעלד פאָר טהעטיגקייט, בעקאַנט די מיטגליעדער מיט פיעלע זייטען פון לעבען, און ענטוויקעלט אין זיי פערשיעדענאַרטיגע טענדענצען, נייגונגען און שטרעבונגען. זיי ווערען פיעלזייטיגער, ברייטער און פרייער אין זייער דענקען און אין זייערע האַנדלונגען.

אָבער ריכטיג אזוי, ווי דער בוך מענש איז אַ בעגרענעצטער, איז אַ שמאָלער; אזוי איז אויך דער פּראַקטישער מענש איינזייטיג אין די ד' אמות פון זיין וועלטעל. דעם לעצטען איז פרעמד די ערפאַהרונגען פון אַנדערע. ער מיינט, אז נאָר זיינע אייגענע בעאָבאַכטונגען זיינען די אמת ריכטיגע, און, א חוץ דעם, איז איהם אונמעגליך צו פערשטעהן דעם יעצטיגען לעבען, ניט זייענדיג בעקאַנט מיט דער היסטאָריע פון דעם אייגענעם מענשליכען לעבען און טעאָרישע אויפטהואונגען פון מענשליכען דענקען און מענשליכען גייסט.

דער ארבייטער רינג האָט עס גוט פערשטאַנען, און דעריבער איינגעפיהרט אַן עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע, וואָס טהוט די ערציהונגס אַרבייט. שיקט לעקטשורער, גיט ארוים ביכער, פערוואַלטעט אַ געשריבענעם אוניווערזיטעט, א. ז. וו. דער אָרדען זוכט אויך גייסטיג צו ענטוויקלען די מיטגליעדער. פערבינדען די פּראַקטישע מיט דער גייסטיגער ערציהונגס טהעטיגקייט.

איז עס אַן ערפ:לג ? לאָמיר זעהן :

## אַלגעמיינע לעקטשורס.

אלגעמיינע לעקטשורס זיינען קיינמאָל ניט געווען ערפאָלגרייך. עס איז אמת, אַז ווען גאָר אַ בעריהמטער, זעהר אַ פּאָפּולערער רעפערענט פאָהרט דורך, ציהט ער אַן עולם, מאַכט אפילו אַ פּוראָר, און עס איז מאַנכעס מאָל באַצעהלענד. מיר אָבער בעטראַכטען די פראַגע פון שטאַנדפּונקט פון גייסטיגער ענטוויקלונג. און אָט אין דעם הינזיכט, איז די לאַגע גאָר אַן אַנדערע.

אַזעלכע סאָרטען אַלגעמיינע לעקטשורס קענען ניט דערהויבען דעם גייסטיגען צושטאַנד פון די צוהערער, פּשוט שוין צוליעב דעם, וואָס זיי ציהען אַ סך מענשען, וועלכע זיינען לויט זייער ענטוויקלונגס מדרגה פערשיעדענאַרטיג. צו אלגעמיינע לעקטשורס קומען אַזוינע, וועלכע האָבען קיינמאָל קיין בוך ניט אָנגעזעהן אין זייערע אויגען ; אַזוינע, וועלכע לעזען אָפּט, און מאַנכע וועלכע האָבען אַ גאַנץ פיינעם בעגריף אין דער פראַגע. עס איז דאָך זעלבסט-פערשטענדליך, אַז דער רעפּערענט מוז זיך אראָבלאָזען צו די, וועלכע ווייסען אָם וויינינגסטען, מאַכען די לעקטשור פאָר אַ רעדע, וואָס שטעלט גוט צופריעדען און רופט ארוים די אונצופריעדענהייט פון די אנדערע. און דוקא די יעניגע, וועלכע זיינען פון אזוינע אלגעמיינע לעקטשורס אונצופריעדען, וועלכע לעזען עפּעס און ווילען פערשטעהן, שטעלען מיט זיך פאָר דעם מאַטעריאַל פאר גייסטיגעד ענטוויקלונג. דוקא די וואָלטען געקענט ווערען די קולטור-טרעגער און וואָרטזאָגערס אין ארבייטער רינג.

אלגעמיינע לעקטשורס האָבען אין זיך דעם חסרון, וואָס זיי שאַפען אַ פאַלשע פאָרשטעלונג צווישען די ארבייטער רינג מיטגליעדער וועגען ערציהונג. זיי געוואָהנען זיך צו, אַז דער רעפערענט זאָל פאר זיי דענקען, זאָל פאר זיי אויסארבייטען בעגריפען און געדאַנקען, און דערנאָך פאר זיי צוקייען. דאָס איז אפשר די שעדליכסטע ערשיינונג צווישען די אידישע ארבייטער. דאָס אַטראָפּירט זייער דענקונגס קראַפט, דאָס צוקאַליעטשעט זייער כאַראַקטער און פערזענליכקייט : „וואָס דאַרף איך לעזען, דענקען, אז אנדערע טהוען עס פאר מיר“. דאָס אָבהענגיגקייט וואָס קומט פון דעם, איז אַ גייסטיגע אָרימקייט.

דאָס שאַפט ניט קיין ווייטערע זוכענישען, דאָס ענטוויקעלט ניט קיין געוואָהנהייטען צו שטודירען, ווי עס האָט אין דער אמת'ן געדאַרפט זיין. ווען אלגעמיינע לעקטשורס וואָלטען כאָטש געהאָט אין זיך אָט דיעזע מעלה, וואָלט שוין אויך גע-

---

אויב איהר ווילט וויסען וואָס עס הייסט אַ אמת'ע דעמאָקראַטישע געזעלשאַפט ? פאָהרט זיך דורך אין סאַנאַטאָריום.

זאָגאָר די טשיקענס, וועלכע זיינען דאָרטען אין די מאָדזשאָריטי, טהוען זייער טהייל ארבייט בשלומות, און מאַכען וועניגער געוואָלדען ווי מאַנכע דעלעגאַטען צו אונזערע קאָנווענשאָנס.

* * *

הרגל נעשה טבע. איך זאָג דאָס אַנטקעגען דעם, וואָס אַ מענש איז ניט מעהר ווי אַ חיה. איך בין געווען אין סאַנאַטאָריום ניט מעהר ווי צוויי טעג, און איך האָב זיך אזוי צוגעוואָהנט צום גלאָק, וועלכער רופט עסען, אַז עס קלינגט דער טעלעפאָן אָדער דער זייגער, פאַנגט מיר אָן חליש'ן דאָס האַרץ.

* * *

און ווי איז דאָרטען די לופט ? וועלל : איך בין ניט קיין לופט מענש.... איך מאַך אַ לעבען פון ממשית'דיגע זאכען, אָבער קיין גרויסער עס האַרץ אויף לופט בין איך ניט. און איך מוז צוגעבען, אז שולדיג אין דעם וואָס עס ווילט זיך אַלע ווייַלע עסען, איז ניט דער הונגער נאָר די לופט....

ווען מען וואָלט געקענט איינפּאַקען אביסעל לופט אין א

ווען כדאי, אבער גראדע אין געגענטהייל, מען הויבט אן צו קוקען אויף אנדערע קולטורעלע צווייגען: ווי גרופּען לעקטשורס, קלאסען, געשריבענע לעקטשורס, ווי אויך אונוויבטיגע זאכען.

ביי די אומות העולם, ווען מען האלט אב אן אלגעמיינע לעקטשור, נאך בעזאנדערס פאר אינטעליגענטערע מענשען, רופט עס ארויס ווייטערע דיסקוסיאנען, טרייבט עס צו לעזען. אבער ביי אונז זיינען טיעפערע אלגעמיינע לעקטשורס ניט קיין ערפאלג, ווייל דער קרייז פון מעהר ענטוויקעלטע צוהערער איז א גאנץ קליינער, און אלגעמיינע לעקטשורס פאר'ן ברייטען עולם, ברייננגען וועניג נוצען.

אט האט שיקאגא געהאט פאר איינינע יאהר אלגעמיינע לעקטשורס יעדע וואך. אין אנפאנג, אז עס איז געווען אנאווענע, האט עס געצויגען א סך מענשען. שפּעטער איז מען צו דעם קעלטער געווארען, אבער אנגעהאלטען האט מען עס. יעצט האט עס אויפגעהערט. נו, איז דער ארבייטער רינג געבליבען אהן קולטורעלער ארבייט. וואס צייגט עס? דאס צייגט, אז נאכדעם ווי מען האט פאר דריי אדער פיער יאהר געשפייזט די ארבייטער רינג מיטגליעדער, אין שיקאגא, מיט אלגעמיינע לעקטשורס, האט עס אפילו ניט געשאפען קיין שטרעבען צו גייסטיגער ערציהונג צווישען די ברייטערע קרייזען. נישט — דארף מען נישט.

די ברענטשעס גופא, האבען אויך ענטוויקעלט ביי זיך דעם בעגריף, אז ווי באלד נישט קיין אלגעמיינע לעקטשורס, דארף מען קיין זאך נישט, ווייל די גאנצע ארבייט ווערט ניט ריכטיג אבגעשאצט און פערשטאנען. ביי מאנכע איז עס בלויז „פרעסטיזש“. צו אלגעמיינע לעקטשורס קומט א גרויסער עולם, געווינט דער ארבייטער רינג אנערקענונג

דאס זעלבען איז מיט'ן גאנצען ארבייטער רינג. די לעקטשור טורס אום ווינטער זיינען קנאפּע ערציהונגס פאקטארען. זיי רופען ניט ארויס קיין ווייטערע גייסטיגע בעדערפענישען. און זיינען אין וועגען פון ערציהונג נישט קיין ערפאלג, ווייל דער ארבייטער רינג לעגט אויף דעם אזוי פיעל געוויכט, אז ער פערנאכלעסיגט אין גאנצען די ערציהונג פון די מעהר־ענטוויקעלטע מיטגליעדער

דאס מיינט אבער בשום אופן ניט, אז די אלגעמיינע לעקטשורס דארפען אין גאנצען אבגעשאפט ווערען. מען דארף זיי נאר ענדערען אין כאראקטער, און זעהן ענטוויקלען מייסטענס אנדערע געביטען. עס טאר אויף קיין פאל ניט זיין די הויפּט זאך. אויף דער ערשטער ליניע דארפען ענטוויקעלט ווערען אנדערע ערציהונגס געביטען, און אלגעמיינע לעקטשורס זאלען אראבפאלען אויף דער צווייטער אדער דריטער ליניע.

אלגעמיינע לעקטשורס דארפען נאר פערהאנדלען צייט־פראגען, וואס זיינען מעהר אדער ווייניגער בעקאנט צום אלגעמיינעם עולם. די צוהערער דארפען קריגען אינפארמאציע איבער דער ליטעראטור פון די פראגען, זיי זאלען דערנאך אליין קענען לעזען איבער דעם.

## קורסען לעקטשורס.

א פיעל בעסערער קולטורעלער פאקטאר זיינען קורסען לעקטשורס. זיי קענען ניט פעראינטערעסירען קיין צו גרויסען צאהל צוהערער, אבער דערפאר איז זייער ווירקונג א בעדייטענדע. די יעניגע וועלכע בעזוכען זיי, קענען בעקאנט ווערען מעהר אדער ווייניגער, מיט א געוויסער פראגע. זיי פעראינטערעסירען מענשען מיט א געגענשטאנד, און דער רעפערענט קען פאנאנדערוויקלען די פראגען ברייטער און אלזייטיגער.

קורסען לעקטשורס וועלען שטילען דעם גייסטיגען דורשט פון די מעהר ענטוויקעלטע מיטגליעדער, פון וועלכע עס קען מיט דער צייט אויסוואקסען רעדנער, איינלייטער פאר די ברענטשעס.

יעדע קולטורעלע בעוועגונג דארף זיך אנפאנגען מיט ווייניגע, וועלכע זיינען בעגייסטערט, וועלכע זיינען פארבערייטעט צו נעהמען אויף זיך די אנפיהרונג פון דער בעוועגונג. מיר האבען עס אין ארבייטער רינג געטהאן פערקעהרט, דער מאסע האט מען געזעהן גייסטיג צופריעדענשטעלען, באטש שיינבאר, און די **מתוער** זיינען געבליבען הינטערשטעליג אין דעם זינען. נאך א לעקטשור איז ניטא ווער עס זאל ווייטער וועקען דעם אינטערעס, ווער זאל קענען עפּעס זאגען.

קורסען לעקטשורס וועלען מייסטענס בעזוכט ווערען פון די, וועלכע וועלען דערנאך קענען איבערנעהמען די ארבייט צווישען דער אלגעמיינער מיטגליעדערשאפט. דאס מיינט ניט דורכאויס, אז דער ארבייטער רינג זאל ארויסשיקען איינעם א לעקטשורער, וועלכער זאל אין יעדע שטאדט געבען קורסען. דאס איז אן אונמעגליכקייט. דאס וואלט זיך פערצויגען צו לאנג, און דאס וואלט אונמעגליך געווען דורכצופיהרען. אויך דארף מען ניט ארויסשיקען קיין פיעלע לעקטשורערס פאר דעם, וואס וואלט געקאסט צו פיעל.

דער ארבייטער רינג האט זיך געקענט שטעלען אין פערבינדונג מיט לעקטשורערס איבער'ן גאנצען לאנד, וועלכע וואלטען געקענט געביטען ווערען פון איין שטאדט אין דער אנדערער, וואס איז לייכט דורכצופיהרען און וואס איז ניט פערבונדען מיט קיין צו גרויסע אויסגאבען.

קורסען לעקטשורס איז לייבטער דורכצופיהרען, ווייל עס פאדערט שוין ניט אזוי קיין שטארק־פאפולערע לעקטשורערס, ווי בלויז מנעשען מיט קענטניש און וויסען. און די צווייטע איז לייבטער צו געפינען, ווי די ערשטע.

מילא, וואס עס וועט פאדערען מען זאל דערלעגען, איז ווערטה. די גרעסטע און רייכסטע אוניווערזיטעטען דערלייגען העלפט און אפשר מעהר. ווארום זאלען מיר זיין א יוצא מן הכלל? דאס איז דאך ניט קיין געשעפט.

עס איז טאקי זעהר טרויעריג, וואס ביי אונז ווערט א לעקטשורער אבגעשאצט ניט אן דעם, ווי ער לעקטשורט, נאר אן דעם, וויפיעל געלד ער נעהמט, און וויפיעל מען פערדיענט פון איהם.

## קלאסען אויף פערשיעדענע געגענשטענדע.

די קורסען לעקטשורס דארפען געוועהנליך זיין איבער געזעלשאפטליכע פראגען. זיי טראגען א טיעפערען, גרינדליכערען און אלזייטיגען כאראקטער, איידער די אלגעמיינע לעקטשורס, אבער זיי האבען דאך אין זיך ניט דעם זעלבען סיסטעמאטישען זינען ווי קלאסען.

דער ארבייטער רינג דארף זעהן גרינדען קלאסען אין אלע שטעדט אויף פערשיעדענע געגענשטענדע. צעהן מיטגליעדער וועלען לעהרנען פילאזאפיע, אנדערע ליטעראטור, אדער היסטאריע, זעהר גוט. א גרופּע ארבייטער רינג מיטגליעדער וועלען שטודירען זאאלאגיע, באטאניק, כעמיע, דארף זיי דער ארבייטער רינג העלפען, וואס גרעסער זייער קולטור ענטוויקלונג, אלץ וויכטיגער זיינען זיי פאר'ן ארבייטער רינג.

די אידעע פון קלאסען פאר אידישע ארבייטער איז שוין אלט איינינע יאהר. זי איז ענטשטאנען אין די וועסט און זיך אריבערגעטראגען אין דער איסט. היינט זיינען שוין פאראן קלאסען ניט נאר אין שיקאגא, נאר אויך אין פיטסבורג, און מיט א ראשיגער שנעלקייט האט זיך עס ענטוויקעלט אין ניו יארק, אזש צום „פרייען אוניווערזיטעט“,׳מיט א ביודזשעט פון פינף טויזענד דאלאר א יאהר.

עס איז גאנץ פערשטענדליך, אז אין די איסט, בעזונדערס אין ניו יארק, זאלען די קלאסען אננעהמען גאר א ברייטען כאראקטער, אבער אין די קלענערע שטעדט איז עס אזוי נויטווענדיג, און אפשר מעהר איידער אין די גרויסע.

די קלאסען אין די שטעדט וואו זיי עקזיסטירען, זיינען אן ערפאלג. עס פעהלט אין זיי ארדנונג, קאארדינירונג, דערפאר דארף זיי דער ארבייטער רינג טאקע איבערנעהמען און איינפונדעווען.

אויך אויף דיעזען געביט איז לייבטער צו קריגען לעהרער, איידער רעפערענטען פאר אלגעמיינע לעקטשורס. און כמעט אין יעדע שטאדט און שטעדטעל, קען מען געפינען איינעם אדער צוויי לעהרער.

## געשריבענער אוניווערזיטעט און ביכער אויסגאבען.

דער געשריבענער אוניווערזיטעט און אויסגאבען פון ביכער, זיינען זעהר ווינשענסווערטהע ערשיינונגען און הגבעת לכל

הדעות א גרויסע קולטורעלע ווערטה. די צרה בעשטעהט אבער אין דעם, וואס די ארבייטער רינג מיטגליעדער זיינען ניט געוואהנט צו לעזען, האבען נישט קיין מעטהאד ווי צו לעזען, און ווייסען נישט וואס צו זוכען אין ביכער.

עס קען זיין, אז אפשר צוליעב דעם זיינען ביידע זאכען ניט קיין צו גרויסער ערפאלג. עס מאכט ניט אויס, וואס מען האט דוקא אויסגעשריבען א סך ביכער, דאס מיינט נאך ניט, אז מען לעזט זיי. זיי זיינען אזוי ביליג, נו, קויפט מען. אין איניגע ברענטשעס זיינען די סעקרעטערע גאנץ ענטוויקעלטע מענשען, ווירקען זיי שוין מען זאל קויפען.

דער געשריבענער אוניווערזיטעט און די ביכער וואס דער ארבייטער רינג גיט ארויס, וועלען ערשט דאן קענען האבען אן ערפאלג, ווען מען וועט פריהער איינפיהרען לעקטשור קורסען און קלאסען צווישען ארבייטער רינג מעמבערס.

דאס לעבעדיגער ווארט ווירקט שטארקער, איידער דאס טויטע בוכשטאב. דער רעפערענט אדער לעהרער, ווען ער פערשטעהט זיין פאך, ערוועקט אין די צוהערער ענטהוזיאזם פאר זיין געגענשטאנד. ער ווירקט אויף די חושים, ווי אויפ'ן געדאנק, און דערנאך ערשט קענען זיי זיך נעהמען צום בוך, וואס פערהאנדעלט דעם זעלבען געגענשטאנד.

איידער סטודענטען אין די אוניווערזיטעטען הויבען אן צו לעזען איבער דעם געגענשטאנד, וואס זיי לעהרנען, פיהרט זיי דער פראפעסאר אריין אין דעם גייסט פון מאטעריאל, דערווארימט זיי צום לעהרנען, ריכטיג ווי דאס וואלט געווען דאס העכסטע אין דער וועלט. נאכדעם גוטע פראגען, וואס זיי דארפען אין בוך געפינען. דאס זעלבע מוז אודאי געטהאן ווערען מיט ארבייטער, וועלכע האבען נישט די פארבערייטונג, די צייט און אומשטענדען פון קאלעדזש סטודענטען.

לעקטשור קורסען און קלאסען וועלען ערשט מעגליך מאכען, אז דער געשריבענער אוניווערזיטעט און די ביכער אויסגאבען זאלען ברייננען די געווינשטע רעזולטאטען.

## אידישיסטישער סעמינאר.

פאר דער אויפהאלטונג און עקזיסטענץ פון ארבייטער רינג איז נויטווענדיג, אז די גוטע און טהעטיגע טהוער זאלען קענען שרייבען אידיש. עס איז קיין סוד ניט, אז פיעלע, זעהר פיעלע סעקרעטערע, ווארט־זאגער פון ארבייטער רינג, קענען נישט גוט קיין אידיש שרייבען. דאס מאכט אונאינטערעסאנט די מיטינגען, ווייל די בעריכטען זיינען שלעכט געשריבען, די אויפרופען און בריעף האבען קיין טעם נישט. בענשט גאט א ברענטש, א סיטי, א סטייט אדער דיסטריקט קאמיטע מיט א סעקרעטער, וועלבער קען שרייבען גוט אידיש, איז עס א מתנה פון זיין ליעבען נאמען, איז דארט די ארבייט לעבעדיג.

דער ארבייטער רינג האט דארום בעדארפט עפענען א סעמינאר צו לעהרנען אידיש שרייבען. בעזאנדערס יעצט, ווען עס האט זיך ענטוויקעלט אידישע קינדער שוהלען, וועלען זיין אויף דעם א סך בעלנים. עס פערשטעהט זיך, אז צוזאמען מיט אידיש וועט מען לעהרנען אויך אנדערע געגענשטענדען, און אויף אזא אופן שאפען אינטעליגענטע ארבייטער רינג טהוער.

מיר האבען אויך טאלאנטפאלע מיטגליעדער. זיי בעזיצען נאטירליכע פעהיגקייטען צו שרייבען, צו ריידען. זיי האבען אבער קיין מעגליכקייט נישט געהאט צו לעהרנען און דער ארבייטער רינג קען זיי ברייגען אויפ'ן וועג פון ענטוויקלונג, און דער ארבייטער רינג וועט זעלבסט דערהויבען ווערען, ענטוויקעלט ווערען צו א העבערער שטופע.

## ערציהונגס דירעקטאר און ערציהונגס ביורא.

די ארבייט פון לעקטשור קורסען, קלאסען און אפילו פון שוהלען צו לעהרנען אידיש, וואלט לייכט געקענט איבערגעלאזען ווערען צו די סיטי, סטייט און דיסטריקט קאמיטען, ווען דער ארבייטער רינג וואלט געהאט א ערציהונגס דירעקטאר און ערציהונגס ביורא.

די עדיוקיישאנאל קאמיטע איז גאנץ גוט, אבער עס איז נויטווענדיג, אז אימיצער, אן ערפאהרענער מענש אין קולטור ארבייט זאל זיך אין גאנצען אבגעבען מיט דער סטאטיסטיק איבער דעם גייסטיגען צושטאנד פון אונזערע מיטגליעדער. מיר דארפען וויסען די לעקטשורערס איבער'ן לאנד, די לעהרער, די שרייבער וועלכע בעלאנגען צום ארדען, וועלכע ליטעראטור ווערט געלעזען, וועלבער פראצענט לעזט און וועלכע פראגען מען דעבאטירט.

האבענדיג פאר זיך כאטש א טהייל פון דיעזע פאקטען, וואלט די עדיוקיישאנאל קאמיטע געקענט בעטראבטען פלענער ווי איינצוארדנען די ערציהונגס ארבייט צווישען די ברענטשעס, ווייל די ברענטשעס דארפען זיין דער הויפט מקור פון דער גייסטיגער ערציהונג, ווי עס איז פון פראקטישער ענטוויקלונג.

וויסענדיג, וואס עס טהוט זיך אין דיעזע ארדען אויף די ערטער, וואלט מען געקענט וויסען וואו עס איז מעגליך איינצופיהרען קורסען לעקטשורס, קלאסען, שולען און וואו ניט; וואו אויף א ברייטערען און וואו אויף א שמאלערען מאסשטאב.

אן ערציהונגס דירעקטאר וואלט געקענט מיט דער הילף פון א ביורא, אויסארבייטען קאנספעקטען פאר רעדעס, איינלייטונגען און צו שיקען צו די ברענטשעס. אויך ענטפערען אויף ביבליאגראפישע פראגען; וואס צו לעזען איבער געוויסע געגענשטענדע, און שטעהן אין פערבינדונג מיט די קינדער־שולען, א. ז. וו.

דער ארבייטער רינג מוז אויסברייטערען, אויסבעסערען און פערזיבערען די קולטורעלע ארבייט זיינע, ווייל גייסטיגע ענטוויקלונג איז אזוי וויכטיג, ווי פיזישע זיבערהייט און געגענזייטיגע הילף!

# פראגען וועגען קינדער ערציהונג

אבטהיילונג געפיהרט פון
האנאה ג. סאלוצקי.

## וועגען ענטוויקלען דעם קינד'ס ווילען.

איינע פון די שווערע פראבלעמען וואס עלטערן האבען אין דער ערציהונג פון קינדער איז, צי זאל מען זיין שטרענג מיט די קליינווארג אדער זיי נאכגעבען.

זעהר אפט ווען איהר קוקט זיך צו צום לעבען פון א פאמיליע וואו עס זיינען דא קליינע קינדער, קריגט איהר דעם איינדרוק, אז דארט קומט בעשטענדיג פאר א פערביסענער קאמפף פון צוויי געגנערישע גריפען. איין גרופע בעשטעהט פון די עלטערן, די צווייטע פון די קינדער. ווען די מוטער געפינט אז אליין איז זי צו שוואך צו „זיעגען", אפעלירט זי געוועהנליך צו דער גרעסערער מאכט, צום פאטער.

„איך וועל דערצעהלען דעם טאטען", איז א פראזע, וואס די קינדער הערען עטליבע מאל א טאג, און וועלכע צייגט זיי, ערשטענס, אז די מאמע איז צו שוואך זיי בייצושטעהן; צווייטענס, אז דער פאפא איז א מין בוגימען, פאר וועלכען מען מוז מורא האבען. און פרעגט איהר זיך נאך, וואס פעראורזאכט אט די בעשטענדיגע מלחמה, געפינט איהר אויס אז די לאגע איז [illegible] גאר ניט קיין געוועהנליכע. די „שונאים" האבען גאר ניט [illegible] געגענזייטיגע אינטערעסען. איינער זוכט ניט צו פערכאפען,

ביים צווייטען די עקאָנאָמישע אָדער פּאָליטישע מאַכט, אויך קומט דאָרט ניט פאָר דאָס, וואָס איז אין דר סאָציאַליסטישער וועלט בעקאַנט אַלס קלאַסען־קאַמפּף. אין געגענטהייל, די געג־נער זיינען גאָר פּעראינטערעסירט איינער אין צווייטענס וואהל־זיין; מען קען איינס אָהן צווייטען במעט ניט לעבען; די געג־נערישע גרופּע, וואָס רופט זיך עלטערען ארבייט דאָס גאַנצע לע־בען פאר דעם גליק פון די קינדער, און די „שונאים“, וואָס רו־פען זיך קינדער זיינען אַזוי צוגעבונדען צו די עלטערען אז זיי ווילען זיך פון זיי אויף א טאָג ניט שיידען. צוליעב וואָס זשע אַלזאָ די מלחמה?

צוליעב דעם וואָס די עלטערען פערשטעהען ניט די קינדער און ווייסען ניט ווי צו פיהרען זיך מיט זיי. במעט יעדער וועט אייך זאָגען, אז ער וואָלט וועלען זיין קינד זאָל אויסוואַקסען א מענש מיט א שטאַרקען ווילען, מיט א שטאָלצען כאַראַקטער. ער זאָל זיך פאר קיינעם ניט בויגען און בעקעמפפען אַלע שווע־ריגקייטען, וואָס וועלען איהם קומען אויף זיין לעבענס־וועג. וואָס פאָדערט מען אָבער פון קינד, פון וועלכען עס דאַרף אויסוואַקסען דער צוקינפטיגער מענש? עס זאָל זיין געהאָרכזאַם און אונטער־טהעניג, עס זאָל זיך אימער בויגען און ברעכען זיין אייגענעם ווילען.

אמת, דאָס קינד שטערט אונז אפט אונזער רוה, עס שרייט, עס טומעלט, עס קלאַפּט, עס ברעכט. און ווען מיר בעטען עס „זיי רוהיג, דו שטערסט מיר“ הערט עס אונז געוועהנליך ניט, עס זוכט נור זיין אייגענע בעפריעדיגונג, עס איז שרעקליך עגאָאיס־טיש. אָבער דאָס איז דאָך די נאַטור פון קינד. אין די אַלע מעשים וואָס דאָס קינד גיט אָן דריקט זיך אויס זיין פּערזענליכ־קייט, זיין אייגענער ווילען. און אויב עס שטערט אונז, איז עס דען זיין שולד? איז דען אָט דאָס קליינע בעשעפעניש׳ל בערו־פען צו זאָרגען פאר אונזער בעקוועמליכקייט? דעם מענשענס עגאָאיזם איז פונקט אזא נאַטירליכער אינסטינקט ווי זיין מיט־געפיהל, ווי זיין ליעבע און טריישאַפט. ביים קינד איז אָבער דער עגאָאיזם פיעל שטאַרקער ווי די אנדערע געפיהלען און דאָס איז גאָר ניט שלעכט. אין די קינדערשע יאָהרען זיינען מיר נאָך צו שוואַך אויפצוטהאָן עפּעס פאר אַנדערע און מיר מוזען האָבען אונזער גאַנצע ענערגיע, אונזערע אַלע כוחות זיך אַליין צו פער־פּאָלקאָמען, דורכצולעגען זיך אונזער אייגענעם וועג אין לעבען. א קבצן קען ניט זיין קיין בעל צדקה. פאָדערען פון דעם הילפ־לאָזען יונגען מענשעלע, עס זאָל פאר אונז ברענגען אָפּפער, עס זאָל זיך צוליעב אונז אָפּזאָגען פון זיינע פערגניגען, איז פונקט אזוי אונגערעכט, ווי פאָדערען פון אָן אָרעמען ארבייטער ער זאָל אָפּפערען זיינע מאָגערע שכירות אויפצוהאַלטען די נויאָר־קער „טשאַריטיס“.

דער פאָלגענדער פאַקט איז זעהר אינטערעסאַנט אַלס ביי־שפּיעל פון א קינדס שטאַרקען ווילען. א אינגעלע פון א יאָהר דריי איז אָנגעקומען אין א מאָנטעסאָרי שולע אין רוים, איטאַ־ליען. ער האָט געמאַכט גאָר ניט קיין גוטען איינדרוק אויף דער לעהרערין. ער איז געווען זעהר א שלעכטער, האָט געשטערט די אנדערע קינדער אין זייער ארבייט, האָט יעדען געטהאָן להכעיס, מיט איין וואָרט עס איז ניט געווען אויסצוהאַלטען פון איהם. זיין פאָטער האָט דערצעהלט, אז ער איז פונקט אזוי שלעכט אין דער היים.

ווען די לעהרערין האָט זיך גענומען אונטערזוכען וואָס מיט דעם קינד איז, האָט זי אויסגעפונען אז אין דער היים דריקט זיך דעם קינדס גאַנצע שלעכטיגקייט אויס אין זיין קאַמפּף פאר א שטיקעל ברויט. דער פאָטער איז געווען שרעקליך אָרעם און האָט דעם קינד אָפט ענטזאָגט אין ברויט. דאָס קינד האָט זיך אָבער בשום אופן ניט געוואָלט צופריעדען שטעלען מיט זיין לאַגע, ער האָט ניט געוויינט נור אימער געקעמפפט מיט אַלע זיינע כוחות צו קריגען גענוג ברויט. ווען ער איז געקומען אין שולע האָט ער אָנגעווענדעט די זעלבע מיטלען פון קאַמפּף צו קריגען זיין גייסטיגע שפּייז.

אזוי שנעל ווי ער האָט אָבער אויסגעפונען אז דאָרט דאַרף ער ניט קעמפפען, אז ער קען אָהן קאַמפּף קריגען אַלעס וואָס איהם איז נויטיג צום לעבען, איז ער געוואָרען זעהר גוט און ליעבליך. ווען ער פלעגט אויפטהאָן עפּעס א שטיקעל ארבייט מיט וועלכער ער איז אַליין געווען צופריעדען, פלעגט ער ווערען אויסערגעוועהנליך צערטליך מיט די איבריגע קינדער.

ער איז געווען א קינד מיט א שטאַרקען ווילען און ער האָט אָנגעפיהרט א העלדישען קאַמפּף פאר זיין לעבען. האָט זיך איהם דער קאַמפּף איינגעגעבען, האָט ער אַרויסגעוויזען סמנים פון א זעלטען שעהנער נשמה. ניט נור איז ער געווען גוט און צערטליך נור אויך שטאַרק און שטאָלץ. די קינדער פלעגען מיט זיך ברענגען איבערבייסען אין שולע אריין. אייניגע פלעגען ברענגען גאָר געשמאַקע מאכלים און נאַשערייען. דער העלד, ווי די לעהרערין פלעגט איהם רופען, ווען זי האָט איהם קענען געלערענט, פלעגט זיצען לעבען א פאָר אַזעלכע קינדער און קייען זיין שטיקעל טרוקען ברויט לאַנגזאַם און מיט א פּערריסענעם קאָפּ. ער איז קיין מאָל ניט פארטיג געוואָרען פאר די אנדערע, מען זאָל חלילה ניט דענקען, אז ער האָט מעהר ניט וואָס צו עסען וועהרענד ביי די אנדערע זיינען נאָך פערבליבען פּרוכט, צוקערקעס און אַנדערע נאַשערייען. ביי זיין גאַנצען פערביטערטען קאַמפּף פאר דעם שטיקעל ברויט, וואָס ער האָט געמוזט האָבען צום לעבען, האָט איהם זיין זעלבסטווירדע ניט דערלאָזט, ער זאָל דאָס אויפעסען אזוי שנעל ווי דער אַפּעטיט האָט דיקטירט. אָבוואָהל ער איז געבוירען און ערצויגען געוואָרען אין שרעקליכער נויט און דחקות האָט ער געוואוסט די פּולע וואָג וואָס א נאָרמאַלער קינד דאַרף וועגען. דאָס האָט ער וואהרשיינליך עררייכט דורך זיין אייגענעם קאַמפּף פאר זיין לעבען.

דאָס קינד איז אָהן צווייפעל געווען געקנאָטען פון דעם טייג, פון וועלכען גרויסע העלדען ווערדען געקנאָטען, און דאָך וואָלט יעדער אויבערפלעכליכער בעאָבאַכטער איהם געהאַלטען פאר א שלעכטען אינגעל, מיט וועלכען עס איז שווער אויסצו־קומען.

ניט אַלע קינדער קענען אזוי העלדיש קעמפפען און ניט אַלע קומט אויס צו קעמפפען פאר אזא נויטיגער לעבענס־בעדירפניס, ווי א שטיקעל ברויט. די מעהרסטע קומט אָבער דאָך אויס צו פיהרען א בעשטענדיגען קאַמפּף מיט די ערוואַקסענע, וועלכע זו־כען אָבצושוואַכען זייער ווילען, צו אונטערדריקען זייער פער־זענליכקייט. ווען די ערוואַקסענע זאָלען געדענקען זייערע קינ־דערשע יאָהרען און דאָס, וואָס פלעגט פאָרקומען אין זייערע אייגענע נשמות, בשעת זיי האָבען געדאַרפט פאָלגען און אונ־טערגעבען זיך צו די העכערע אויטאָריטעטען אַרום זיי, וואָלטען זיי בעסער פערשטאַנען זייערע אייגענע קינדער. וויפיעל מאָל בעגעהען עלטערען, אונבעוואוסטזיניג פאר זיך אַליין, פערברעכענס געגען זייערע קינדער מיט דעם, וואָס זיי צווינגען זיי צו זאָגען ליגענס, צו זיין היפּאָקריטיש. ווען דאָס קינד ווייסט אז דער־פאַר וואָס עס וועט טהאָן עטוואָס, וואָס די עלטערען וועט ניט געפעלען וועט עס ווערען בעשטראָפט איז דאָך ניט מעהר ווי

נאַטירליך עס זאָל זיך אויסלערנען זאָגען ליגענס אום אויסצומיידען די שטראָף.

אָדער לאָמיר זאָגען, די מאַמע פיהלט ניט גוט און דאָס קינד זאָרגט ניט שטאַרק וועגען דעם, לויפט זיך שפּיעלען אין גאַס און פאָדערט פון דער מוטער די זעלבע אויפמערקזאַמקייט, ווי געוועהנליך. די ערוואַקסענע הויבען אָן צו מוסר'ען דעם „עגאָאיסט" און דערצעהלען איהם, ווי ניט שעהן און ניט גערעכט זיין האַנדלונג איז. דאָס קינד וויל אבער האָבען די גוטע מיינונג פון די עלטערע, און עס ווערט היפּאָקריטיש, עס מאַכט אָן אָנשטעל אז עס קימערט זיך וועגען דעם צווייטענס לאַגע, ווערהענד אין האַרצען זיינען די געפיהלען די זעלבע, ווי געוועזען, ווייל מיט לעקטשורס און מוסר זאָגען קען מען דאָך געפיהלען ניט איבערמאַכען. קיין וואונדער ניט, וואָס דעם קינד וויל זיך וואָס שנעלער אויסוואַקסען, עס וויל זיך איהם זיין פריי פון זיינע העררשער מיט זייער שטראָף און מוסר.

הייסט עס אז מען דאַרף דעם קינד אַלעס נאָכגעבען? ניין, בשום אופן ניט. אויב מיט שטרענגקייט צווינגט מען איהם צו ברעכען זיין שטאָלץ און זיך אונטערצוגעבען א צווייטען, פיהרט דאָס נאָכגעבען איהם צו דעם, אז זיין כאַראַקטער זאָל ווערען שוואַכער אויף אַן אַנדער אופן. זייענדיג געוואָהנט אַלעס אויסצופיהרען, האָט עס קיין כוח ניט צו מאַכען א ווידערשטאַנד ווען דאָס איז נויטיג. עס קען זיך אַליין ניט בעקעמפפען. דאָס בעסטע איז ווען מען טהוט ניט איינס און ניט דאָס צווייטע. מען זוכט ניט צו ברעכען דעם קינד'ס ווילען און מען גיט ניט אונטער דעם אייגענעם ווילען ווען דאָס ברענגט שאָדען צו זיך אָדער צו דעם קינד.

צום ביישפּיעל, דאָס קינד וויל ניט אַנדערש ווי צונויפבינדען א פּאָר שטוהלען און זיך זעצען רייטענדיג אויף איינעם און זיך פאָרשטעלען אז ער איז א קאָנדוקטאָר אויף א באַהן. דער מאַמע וועט אזא שפּיעל זעהר ניט זיין צום האַרצען, עס וועט שטערען די אָרדנונג אין הויז, דאָס קלאַפּעריי וועט איהר זיין ניט אנגענעהם. קען זי אבער דעם קינד ניט געבען קיין אַנדער שפּיעל, וואָס זאָל איהם זיין פּונקט אזוי אינטערעסאַנט, דאַרף זי איהם ניט שטערען מיט דעם וואָס זי וועט איהם אין גאַנצען פאַרווערען זיך צו שפּיעלען און איהם צווינגען צו אָפּטרעטען זיין פאַרגעניגען און זיך אונטערגעבען א צווייטענס בעפעהל.

אָדער דאָס קינד שפּיעלט זיך און מאַכט שמוציג דאָס נייע קליידעלע. די מוטער האָט קיין רעכט ניט צוליעב דעם קליידעלע פערווערען דעם קינד דאָס שפּיעלען, אָדער עס שטראָפען פאַר דעם ניט אָבהיטען דאָס מלבוש. דאָס שעהנע קליידעלע גיט געוועהנליך דער מוטער מעהר פערגעניגען ווי דעם קינד, און דאָס קינד איז גאָר ניט מחויב צו ברענגען אָפּפער צוליעב דער מאַמעס פערגעניגען.

ווייל, אָבער, דאָס קינד צופיעל נאַשעריי, און פאָדערט די מוטער זאָל עס איהם געבען, אָדער עס וויל ניט אַנדעריש, נור די מוטער זאָל פאַר דעם אָפּקויפען א גאַנצע קראָם מיט שפּיעלצייג. די מוטער ווידער, פערשטעהט, אז עס דאַרף די זאַכען ניט האָבען, דאַרף זי איהם ערקלעהרען, וואָרום זי וויל דאָס ניט צוליעב טהאָן און מעהר ניט טענה'ן, ניט מוסר'ן, נור פּשוט ניט נאָכגעבען. דאָס קינד וועט זיך דאַן אויסלערנען זיך צו בעקעמפפען ווען עס וויל א זאַך וואָס ברענגט איהם שאָדען אָדער וואָס בעלאַנגט ניט צו איהם. עס וועט, אָבער, אויך ניט דאַרפען לעבען לויט א צווייטענס פערלאַנג, ווען עס האַנדעלט זיך וועגען אזא ערנסטען פאַל, ווי אויסדריקען זיך אַליין, זיין אייגענעם איך אין א געוויסער שפּיעל אָדער אין אַן אַנדער טעטיגקייט.

אום, אַלזאָ, צו לאָזען דעם קינד פריי ענטוויקלען זיין אייגענעם ווילען איז נויטיג איהם ניט צו שטראָפען, ניט צו מוסר'ן און ניט שטערען איהם אין זיין שפּיעל אָדער ארבייט, זאָגאַר ווען דאָס פערשאַפט די ערוואַקסענע אביסעל אונבעקוועהמליכקייט. פון דער אַנדערער זייט דאַרף מען איהם אויך ניט נאָכגעבען אזוינע זאַכען וואָס זיינען פאַר איהם שעדליך אין וועלכער עס איז הינזיכט; צי דאָס שאַדעט זיין געזונד, צי דאָס מאַכט איהם פערשווענדעריש, אָדער עס העלפט ענטוויקלען וועלכע עס איז אַנדערע חסרונות. די הויפּט זאַך איז אבער אז די עלטערן זאָלען פערשטעהן די קינדער און זאָלען זיך צו זיי בעציהען מיט אַכטונג. אנשטאַט צו בעל־הבית'ווען און פּאָדערען די קינדער זאָלען פּאָלגען, דאַרף מען רעספּעקטירען זייער ווילען און זיך האַלטען מיט זיי ווי מיט גלייכע.

## די אמת'ע פּרינצעסין.

אַן אַלטע מעשה'לע, איבערזעצט פון ענגליש פון ה. ג. ס.

עס איז אַמאָל געווען א פּרינץ, וועלכען עס האָט זיך זעהר געוואָלט חתונה האָבען מיט אַן אמת'ער פּרינצעסין. ער איז אויסגעפאָהרען זיין פאָטער'ס גאַנצען קעניגרייך דורכענדיג זי, אָבער אומזיסט. דאַן האָט ער זיך אוועקגעלאָזען זוכען אין אַלע ארומיגע לענדער. עס האָבען זיך געפונען גענוג פּרינצעסינס, אָבער אפילו ניט איינע פון זיי איז געווען אַן אמת'ע פּרינצעסין.

טרויעריג און מיט א שווערען געמיטה איז ער דאַן צוריק געקומען אין זיין פאָטער'ס הויז. איהם האָט זיך אזוי געוואָלט חתונה האָבען מיט אַן אמת'ער פּרינצעסין!

אַמאָל, אין אַן אָוונד, זיינען דער קעניג, די קעניגין און דער פּרינץ אַלע געזעסען אין פּאַלאַץ. פּלוצלונג האָט זיך אויפגעהויבען א שרעקליכער שטורם. עס האָט געדונערט און געבליצט און דער רעגען האָט געגאָסען עמערווייז. מיט אַמאָל — מען הערט, עס קלאַפּט ווער אין טיר. דער אַלטער קעניג איז אויפגעשטאַנען און איז אַליין ארויסגעגאַנגען עפענען די טיר. און — ווער דענקט איהר איז דאָרט געשטאַנען? אַן אמת'ע פּרינצעסין! ווייניגסטענס, זי אַליין האָט געזאָגט, אז זי איז עס. אַן אמת'ע פּרינצעסין, הגם מען האָט דאָס אויף איהר גאָר ניט אָנגעזעהן.

דער רעגען האָט אַראָפּגעריננען פון אירע צולאָזענע האָר. דורך די שפּיצען פון איהרע צוריסענע שיך איז דאָס וואַסער אריין אין די פיס. נור, דאָך האָט זי בעהויפּטעט אז זי איז אַן אמת'ע פּרינצעסין.

„מיר וועלען שוין באַלד א סימן האָבען", האָט געזאָגט די קעניגין. מיט די ווערטער האָט זי זיך אויפגעהויבען און איז אריין אין גאַסט־צימער. זי האָט ארויסגענומען דאָס גאַנצע בעט־געוואַנד פון בעט, און אויף דעם דעק פון בעט אוועקגעלעגט איין קליינעם, רונדען, טרוקענעם ארביסעל. אויף דעם ארביסעל האָט זי אַנידערגעלעגט צוואַנציג מאַטראַצען און אויף די צוואַנציג מאַטראַצען צוואַנציג פוכענע איבערבעטען, און אויף אָט דעם גאַנצען בעטגעוואַנד איז די פּרינצעסין יענע נאַכט געשלאָפען.

אויף דעם צווייטען פריה־מאָרגען האָט מען זיך ביי איהר נאָכגעפרעגט, ווי זי איז געשלאָפען.

— אָה, זעהר שלעכט — האָט זי געענטפערט — מיין לייב איז ברוין און בלוי; עס האָט אזוי געקוועטשט! עפּעס א שרעקליך הארטע זאַך איז דאָרט געלעגען אונטער דעם בעטגעוואַנד.

דאַן האָבען זיי שוין געוואוסט אויף זיכער אַז זי איז אַן אמת'ע פּרינצעסין, ווייל וואָס פאַר אַן איינפאַכער בשר ודם

וואָלט עס געקענט פיהלען איין קליינעם, רונדען, טרוקענעם אר־ביסעל דורך צוואַנציג מאַטראַצען און צוואַנציג פּוכענע איבער־בעטען?

דער פּרינץ האָט חתונה געהאַט מיט דער אמת'ער פּרינצע־סין און זיי האָבען לאַנגע יאָהרען געלעבט אין גליק און אין פריע־דען.

דאָס ארביסעל האָט מען אריינגעלעגט אין א פלעשעל און אָפּגעשיקט אין א מוזעאום, וואו איהר קענט עס נאָך זעהן ביז היינטיגען טאָג, אויב קיינער האָט עס נור ניט אוועקגע'גנב'עט.

און דאָס איז, פערשטעהט איהר, אן אמת'ע מעשה.

## לערנט די קינדער שפּיעלען א דראמא

קינדער האָבען זעהר ליעב צו שפּיעלען ראָלען. געוועהנליך שאַפען זיי אליין זייערע אייגענע דראמען. זיי זיינען זייערע אייגענע „סטיירזש מענעדזשערס" און אליין די אַקטיאָרען. און דאָס שאַפען די דראמא קומט טאַקע פּאָר אין דער זעלבער צייט, ווען די אַקטיאָרען שפּיעלען שוין אויף דער סצענע. איינער דאַרף נור א זאָג טהאָן: „קומט, לאָמיר שפּיעלען גראָסערי סטאָר", און באַלד טיילט מען זיך איין מיט די ראָלען און מען שפּיעלט. מען זוכט ביי קיינעם ניט קיין אַפּלאָדיסמענטען, מען אינטערעסירט זיך אין אַלגעמיין ניט, צי עס איז דאָ פּובליקום צי ניט. מיט איין וואָרט, אמת'ע קינסטלער פון גאָטס גנאָדע. עס ציהט צום שפּיעלען, שפּיעלט מען, מען שפּיעלט מיט דער גאַנצער נשמה, מיט דעם גאַנצען אינערליכען „איך" און מען גיט קיין שמעק טאַבאַק ניט פאַר אויסערליכען עפעקט, אָדער פאַר גע־זעלשאַפטליכער מיינונג.

אָט דער דראַמאַטישער געפיהל קען זעהר לייכט אויסגע־נוצט ווערען צו געבען די קינדער א בעגריף וועגען ווירקליכער דראמא, און צו לערנען זיי שעהן אויסדריקען זייערע געדאַנקען און געפיהלען, שעהן סיי אין זינען פון שפּראַך, סיי אין זין פון אַל־געמיינעם האַלטען זיך. מען דאַרף נור צוקלייבען א ווירקליך ליטעראַרישע דראמא, העלפען די קינדער שאַפען די אומגעבונג און דאַן זיי לאָזען שפּיעלען. מען דאַרף אויף זעהן די גרויסע זאָלען נור זיין ארויסהעלפער, עצה געבער, דאָס הויפּט שאַפען זאָל אָבער בלייבען צו די קינדער.

פון פיעלע מעשה'לעך קען מען מאַכען דראמעס. צום ביישפּיעל, די מעשה'לע וועגען דער „אמת'ער פּרינצעסין" לאָזט זיך לייכט דראַמאַטיזירען.

---

לעזט דאָס פּאָר פּאַר א גרופּע קינדער, און פרעגט זיי אויב זיי וואָלטען עס וועלען שפּיעלען. איהר וועט זיכער געפינען פיער חברה, וואָס וועלען זיין צופריעדען אריינצוטרעטען אין די ראָ־לען.

געוועהנליך דאַרפען די קינדער שוין זיין אַלט גענוג מען זאָל זיי פערטרויען אזא שטיקעל ארבייט. אומגעפעהר פון 7 ביז 10 יאָהר. לאָזט זיי זיך אליין איינטיילען מיט די ראָלען. זאָלען זיי אליין צוטראַכטען וועלכע קאָסטיומען עס וועלען זיין פּאַסענד. זאָלען זיי אויך אליין אויסשטאַטען דעם צימער, עס זאָל אויסזעהן ווי א פּאַלאַץ. אויף וויפיעל איהר קענט זיי העלפען פערפאָל־קאָמען די זאַך וועט איהר דאָס געוועהנליך טהאָן. אויסבאָרגען א קליידעל, א פּאָר לאַנגע הויזען, ווי עס פּאַסט פאַר א קעניג מיט א קעניגין. פון איין ווינקעל פון צימער קען ווערען א גאַסט־צימער; אויב עס שטעהט דאָרט א בעט אָדער א קושעטקע איז געוויס גוט, אויב ניט זיינען צוויי שטולען אויף א גוט בעט פאַר

די „סצענע" הויבט זיך אויף, זעהען מיר דעם פּאַלאַץ. דער קעניג מיט דער קעניגין זיצען, און דער פּרינץ שפּרייזט ארום א מיעדער, א צובראָכענער. ער טענה'ט:

„קיין איין אמת'ע פּרינצעסין. — איך בין איבעראַל געווען, אין אונזער אייגען לאַנד, אין אַלע ארומיגע לענדער און קיין איין איינציגע ניט געפונען."

ער ברעכט די הענד.

הינטער דער טיר מאַכט עמיצער אָן א שטאַרקען שטורם, זאָגען מיר א קלאַפּעריי מיט עפּעס.

עס הערט זיך א קלאַפּ אין טיר, דער אַלטער עפענט. די פּרינצעסין קומט אריין. אויף דער פראַגע: „ווער ביזטו?" ענטפערט זי שטאָלץ:

— א פּרינצעסין, אן אמת'ע פּרינצעסין.

דאַן מאַכט די אַלטע צורעכט דאָס בעט, אזוי ווי עס דער־צעהלט זיך אין דער מעשה'לע. וועלכע עס איז שמאַטקעס קע־נען דיענען אַלס בעטגעוואַנד.

די בת מלכה לעגט זיך שלאָפען. די איבריגע געהען ארויס.

אויף מאָרגען פריה (זאָגען מיר אין א מינוט ארום) שטעהט זי אויף א פערמאַטערטע, ניט אויסגעשלאָפען. די משפחה קומט ווידער אריין; די אַלטע פרעגט זי:

— ווי איז זיך דיר געשלאָפען?

זי גיט איהר ענטפער ווי אין דער מעשה. אַלע זיינען צו־פריעדען.

דער אַלטער זאָגט:

— יאָ, זי איז אן אמת'ע פּרינצעסין.

די אַלטע: „ווער דען, אז ניט אן אמת'ע פּרינצעסין וואָלט עס געקענט פיהלען איין קליינעם, רונדען, טרוקענעם ארביסעל דורך צוואַנציג מאַטראַצען און צוואַנציג פּוכענע איבערבעטען?"

דער בחור פאַלט אויף די קני און בעט איהר האַנד. די אַלטע בענטשען זיי און דערמיט איז געענדיגט.

---

די קינדער וואָלטען זיכער געהאַט פיעל פערגעניגען און פיעל שפּייז פאַר זייער פאַנטאַזיע פון אזא שפּיעל. דאָס צוגריי־טען זיך, דאָס רעפּעטירען, מען קען טעג און טעג אַרבייטען דע־רויף.

די עלטערע ווערען אריינגעצויגען, קריטיקירענדיג דאָ אן אויסדרוק פון א וואָרט, דאָרט א זשעסט. ווען די קינדער קענען שוין ענדליך שפּיעלען, ווי עס דאַרף צו זיין, קלייבט מען צו־נויף א זונטאָג די משפחות פון די אַקטיאָרען, און מען פער־בריינגט א ווירקליך שעהנע שעה, שעפּענדיג נחת פון די טאַ־לאַנטען.

א חוץ דעם פערגעניגען און נוצען, וואָס די קינדער האָ־בען פון דעם, בינדט דאָס זיי צו מעהר צו די עלטערן, מען קריעגט מעהר רעספּעקט פאַר זיי.

„ניט קיין „טיטשערס" און ניט קיין „סעטעלמענט ליידיס" און דאָך קענען זיי מיט אונז מאַכען אזעלכע קונצען, און טאַקע אין זייער אייגענעם מאַמע־לשון."

אזעלכע קלייניגקייטען קענען קינדער אַמאָל מעהר שעצען, ווי פיעלע שווערע קרבנות וואָס די עלטערן ברענגען פאַר זיי.

קינדער האָבען אזוי ליעב א יום־טוב ביי זיך אין דער היים, און בפרט אז זיי זיינען די העלדען.

# מוזיקאלישע געשפרעכע.

י. פיראָזשניקאָוו:



„וועה איז צו די וואָס זינגען ניט,
„און שטאַרבען מיט אַלע זייערע ליעדער
„אין זיך."

(עמערסאָן.)

## 3) די פּיעדעל.

די פּיעדעל איז אַנערקענט אין דער מוזיקאַלישער וועלט אַלס די קעניגין פון אַלע מוזיק אינסטרומענטען, און מען קען זאָגען אַז זי האָט דיעזען עהרען־טיטעל גאַנץ כשר פערדיענט. קיין אַנדער מוזיק אינסטרומענט קען זיך מיט איהר ניט פערגלייכען אין דער אייַדעלקייט פון איהרע טענער, און אין דער דייכקייט פון איהרע מוזיקאַלישע עפעקטען. פון די עטליכע און צוואַנציג מוזיק־אינסטרומענטען, וואָס איך האָב דערמאָהנט אין מיין פריהערדיגען אַרטיקעל,*) מעג זיך יעדער איינער האָבען זיינע מעלות און [illegible] זיין [illegible] אין דער מוזיקאַלישער קונסט, אָבער דעם אויבען־אָן מוזען זיי אַלע אָבטרעטען דער פּיעדעל. דאָס אַלֵין איז אמת און קען פון קיינעם ניט אָבגעלייקענט ווערען; אָבער דאָך, דאַרף יעדער אָנפאַנגער הונדערט מאָל בעקלערען זיך איידער ער בעשליסט צו נעהמען זיך פאַר דער פּיעדעל. ער דאַרף געדענקען, אַז די פּיעדעל איז אַ קעניגין, און צו אַ קעניגין איז שווער צוצוטרעטען. איך האָב שוין אין מיין פריהערדיגען אַרטיקעל געזאָגט, אַז ביים אויסוואַהל פון אַן אינסטרומענט דאַרף מען קוקען ניט בלויז אויף זיינע מוזיקאַלישע מעלות, נאָר אויך אויף פיעלע אַנדערע, ריין פּראַקטישע איינענשאַפטען, פון וועלכע עס קען אָבהענגען דער גאַנצער ערפאָלג פון דער קינפטיגער מוזיקאַלישער אַרבייט. און אין דיעזער פּראַקטישער הינזיכט מעג די פּיעדעל בעטראַכטעט ווערען אַלס דער אונבעקוועמסטער פון אַלע מוזיק אינסטרומענטען. איך וועל דאָ נאָך דער רייהע אויסרעכענען אַלע איהרע פּראַקטישע חסרונות און יעדער אָנפאַנגער וועט שוין אַליין בעשליסען געגען וועלכע ער קען קעמפּפען און געגען וועלכע — ניט.

נאָר, איידער מיר וועלען איבערגעהען צו די כבעציעלע אייגענשאַפטען פון דער פּיעדעל, לאָמיר זיך אָבגעבען דין וחשבון, אין וואָס נעמליך בעשטעהט די קונסט פון שפּיעלען אין אַלגעמיינען.

די שוועריגקייטען פון שפּיעלען אויף אַן אינסטרומענט דאַרפען איינגעטיילט ווערען אין די פאָלגענדע צוויי שטופען: 1) ריכטיג שפּיעלען און 2) שעהן שפּיעלען. — קענען ריכטיג שפּיעלען מיינט, אין אַלגעמיינען, צו האָבען אַ ריינעם טאָן און אַ גוטע טעכניק, וואָס זאָל ערלויבען לייכט צו נעהמען אַלע טענער אין זייער ריכטיגער הויך, ניט אויף אַ האָר העכער אָדער נידריגער ווי עס בעדאַרף צו זיין. קענען שעהן שפּיעלען הייסט, צו האָבען אַן ענטוויקעלטען עסטעטיש־מוזיקאַלישען געשמאַק, צו וויסען ווי אויסצונוצען אַלע שוין פריהער ערוואָרבענע טעכנישע מיטלען און צו זיין אימשטאַנד אריינצוברענגען אין דער טויטער טעכניק אַ לעבעדיגע נשמה פון קונסט.

עס פערשטעהט זיך, אַז כל זמן דער אָנפאַנגער איז ניט אימשטאַנד ריכטיג צו שפּיעלען, קען קיין רייד ניט זיין וועגען שעהן שפּיעלען; אָבער דאָ איז זעהר וויכטיג צו געדענקען, אַז די שוועריגקייטען פון שעהן שפּיעלען זיינען איינע און די זעלבע פאַר אַלע אינסטרומענטען, וואָרים זיי הענגען אָב בלויז פון דעם מעהר אָדער ווייניגער ענטוויקעלטען אינערליכען עסטעטישען געפיהל, בעת די שוועריגקייטען פון ריכטיג שפּיעלען זיינען ביי יעדען אינסטרומענט פערשיעדען. איין און די זעלבע טעכנישע איינצעלהייט קען אויף אַ געוויסען אינסטרומענט פאָרשטעלען מיט זיך אַן אונגעהויערע שוועריגקייט, בעת אויף אַן אַנדער אינסטרומענט זאָל אָט די שוועריגקייט גאָר ניט עקזיסטירען.

דעריבער איז וויכטיג, אַז די אָנפאַנגער, וואָס רעכענען ביים אויסוואַהל פון אַן אינסטרומענט בלויז וועגען זיין מוזיקאַלישער שעהנקייט, — זאָלען אויך ניט פערגעסען, אַז דיעזע שעהנקייט קען זיך אויף איהם אַרויסווייזען בלויז דעמאָלט, ווען זיי וועלען שוין מעהר אָדער ווייניגער בעהערשען די טעכנישע שוועריגקייט פון „ריכטיג שפּיעלען"; און אויב אויף אַ וועלכען עס איז אינסטרומענט זיינען דיעזע שוועריגקייטען אַזוי גרויס, דאָס דער אָנפאַנגער קען ניט זיין זיכער, צי איהם וועט געלינגען צו בעהערשען זיי אין אַ גענוגענדער מאָס, איז געוויס בעסער מיט אַזאַ אינסטרומענט גאָר ניט אָנצוהויבען זיך, וואָרים סוף כל סוף קען די גאַנצע אַרבייט זיין אומזיסט. — יעדער איינער מוז דאָך צוגעבען, אַז שפּיעלען שלעכט אַפילו אויפ'ן בעסטען אינסטרומענט איז ניט מעהר ווי מאַכען זיך לעכערליך, און שפּיעלען גוט אַפילו אויף אַ גאַנץ איינפאַכען אינסטרומענט הייסט שוין צו פערשאַפען זיך און לייטען אַן אונגעהויערען גייסטיגען פערגעניגען.

אַלזאָ, מוזען מיר קומען צו אַ בעשלוס, אַז אין פּראַקטישען זין ליעגט די הויפּט מעלה פון אַן אינסטרומענט ניט אין זיין מוזיקאַלישער שעהנקייט, נאָר אין דער לייכטקייט צו ערגרייכען אויף איהם די שטופע פון „ריכטיג שפּיעלען". — און אין דיעזער פּראַקטישער הינזיכט שטעלט מיט זיך די פּיעדעל פאָר אַזעלכע אונגעהויערע שוועריגקייטען און אונבעקוועמליכקייטען, וואָס איהר בעגעגענט ניט ביי קיין אַנדער אינסטרומענט אין דער וועלט.

---

די פּיעדעל שטעלט מיט זיך ניט פאָר אַ פאַרטיגען אינסטרומענט, וועלכען מען נעהמט אין האַנד און מען שפּיעלט, אַזוי ווי, צ. ב. ש. מען זעצט זיך צו דער פּיאַנאָ און מען שפּיעלט. די פּיעדעל מוז אַלע מאָל פריהער צוגעגרייט ווערען צום שפּיעלען, נעמליך, מען מוז אָנציעהען אויף איהר סטרונעס, און מען דאַרף נאָך דערצו זיין אויף זיי אַ מבין: ניט אַלע סאָרטען סטרונעס זיינען גוט; מאַנכע מאָל זיינען זיי פאַלש, מאַנכע מאָל זיינען זיי שוואַך און פּלאַצען אָפט. אויסער דעם, דאַרף מען די פּלעקלאַך פאַר די סטרונעס צופּאַסען אַזוי, אַז זיי זאָלען זיין זעהר פיהלבאַר, ד. ה. זיי זאָלען זיך לייכט דרעהען און דאָך האַלטען זיך שטאַרק און ניט אָבדרעהען זיך אַליין צוביסלאַכווייז. דאָס איז ניט קיין לייכטע זאַך און מען דאַרף דאָס וויסען ווי צו טהאָן; אויב ניט וועט די פּיעדעל אַלע ווייַלע ווערען פערשטימט. — נאָך אַ גרעסערע קענטניס פאָדערט זיך צוצופּאַסען די פאָרסטאַווקע אויף וועלכער די סטרונעס ליעגען, און אַם שווערסטען איז צו קענען ריכטיג אַריינשטעלען אינוועניג „די האַריז" ווען זי פאַלט צופעליג. פון דיעזע אַלע זאַכען הענגט אָב זעהר פיעל, און עס געדויערט אַ לאַנגע צייט ביז מען ערווערבט די נויטיגע פּראַקטיק. מען קען בשום אופן ניט ערוואַרטען פון אַן אָנפאַנגער ער זאָל זיין אימשטאַנד דאָס אַלֵין אַליין צו טהאָן. דאָס מוז פאַר איהם טהאָן דער לעהרער, אָדער דער אינסטרומענטען־מאַכער.

אויסער דעם, ווען די אַלע זאַכען זיינען שוין גוט צוגעפּאַסט, פאַנגט זיך אָן די סדרה פון שטימען די פּיעדעל. דאָס איז אויך זעהר אַ שווערע מלאכה; מען מוז דערצו האָבען אַ גוט ענטוויקעלטען געהער און אַ געניטע האַנד, אום גוט דאָס צו טהאָן; אויב ניט איז די פּיעדעל געשטימט פאַלש און דאָס שפּיעלען קומט אויס פאַלש. עס נעהמט גוטע 2-3 יאָהר ביז דער אָנפאַנ־

---

*) זעה „פריינד", דעצעמבער, 1917.

גער לערענט זיך אויס צו שטימען די פיעדעל מעהר אָדער וועניגער צופריעדענשטעלענד. אָבער אמת'דיג גוט שטימען זי וועט ער קענען בלויז דעמאָלט ווען ער וועט שוין אמת'דיג גוט שפּיעלען.

אום בעסער צו אילוסטרירען אָט די שוועריגקייט, וויל איך דאָ איבערגעבען אַ קוריאָזען פאקט וואָס האָט מיט מיר איינמאָל פּאַסירט אין רוסלאַנד. — איך בין געגאַנגען מיט מיינעס אַ פריינד, אַ לעהרער פון פּיאַנאָ, אויף אַ קאָנצערט, אין וועלכען עס האָט, לויט דער אַפּיישע, בעדארפט אַנטייל נעהמען אַ וויאָלין־קינסטלער, וואָס האָט בעקומען אַ גאָלדענע מעדאַל אויף אַ מוזיקאַלישען קאָנקורס אין פּאַריז. די איבעריגע נומערען פון דער פּראָגראַם האָבען אונז ניט אינטערעסירט און מיר האָבען אונגעדולדיג געוואַרט אויפ'ן פּיעדעל־שפּיעלער. ענדליך האָט ער זיך בעוויזען אויף דער ביהנע, און פריהער פון אַלץ האָט זיך אונז געוואָרפען אין די אויגען די גאָלדענע מעדאַל, וואָס איז געווען צוגעשפּיליעט צום לאַץ פון זיין פראַק. אָבער, שטעלט אייך פאָר, אַז ווי נאָר ער האָט אָנגעפאַנגען צו שטימען זיין פּיעדעל, האָב איך גלייך דערזעהען מיט וועמען איך האָב דאָ צו טהאָן, און האָב איינגעראַמט מיין פריינד אויפ'ן אויער אַ סוד, אַז, ווי עס שיינט, איז דאָס גיכער אַ שוסטער ווי אַ פּיעדעל־שפּיעלער.

נאָך ניט געהערט שפּיעלענדיג?

— עס מאַכט ניט אויס, — האָב איך איהם געענטפערט,

— איהר וועט שוין באַלד הערען.

און ער האָט ווירקליך באַלד געהערט. — עס האָט זיך אַרויסגעוויעזען אַז דאָס איז געווען אַ בלאָף. די מעדאַל האָט ער טאַקי בעקומען אין פּאַריז אויף אַ מוזיקאַלישען קאָנקורס, אָבער ניט אַלס פּיעדעל־שפּיעלער, נאָר אַלס אַן אינסטרומענטען־מאַכער פון פּיעדלען...

אָט וואָס פאַר זאַכען עס טרעפען זיך מיט דער פּיעדעל.

---

אָבער אַלע אויבען רעדמאָהנטע זאַכען זיינען בלויז קלייניגקייטען, אין פערגלייך מיט די גרויסע צרות וואָס פאַנגען זיך אָן, ווען מען נעהמט זיך שוין צום אמת'ן שפּיעלען. — פריהער פון אַלץ הויבט זיך אָן אַ סדרה: ווי צו האַלטען די פּיעדעל? — ווי צו האַלטען דעם סמיטשיק? — ווי צו האַלטען די פינגער? — דאָס איז אַ גאַנצע גימנאַסטיקע, אין וועלכער מען דאַרף זיך איבען, אין בעסטען פאַל, מאָנאַטען לאַנג, ביז מען ווערט מיט איהר פאַרטיג; אין פערלויף פון דיעזע מאָנאַטען זיינען די אָנפאַנגער אמת'ע מאַרטירער. ווען איהר שטעלט אַוועק דעם אָנפאַנגענדען שילער מיט דער פּיעדעל אין האַנד אין זיין ריכטיגער לאַגע: — דער קאָפּ צוגעדריקט צום פּיעדעל, די פּיעדעל — צום ברוסט, די הענד אויסגעדרעהט, די פינגער אויסגעבויגען, און דווקא נאָך אַ געוויסער סיסטעם, ווי עס שטעהט אין וויאָלין־שולחן־ערוך — ווען איהר שטעלט איהם אַזוי אַוועק, קען ער פערבלייבען אין אַזאַ לאַגע, זעהר ניט לאַנג, און דער לעהרער מוז איהם אַלע מינוט פערריכטען.

און דאָס איז נאָך אויך ניט אינגאַנצען; די רעכטע געדיכטע פאַנגט זיך ערשט אָן, ווען ער הויבט אָן צו שפּיעלען. — אום צו האָבען אַ בעגריף וועגען די שוועריגקייטען וועלכע איהם שטעהען דאָ פאָר, דאַרף מען פערגלייכען די פּיעדעל מיט אַ וועלכען עס איז אַנדער אינסטרומענט. לאָמיר נעהמען, צ. ב. ש. די פּיאַנאָ: אויף איהר קלאַוויאַטור ליעגען אַלע קלאַווישען אין איין גלייכער רייהע, פאַר יעדען טאָן פונ'ם מוזיקאַלישען אלף־בית האָט איהר דאָ אַ בעשטימטען קלאַוויש, וועלכען איהר זעהט דייטליך וואו ער געפינט זיך און קענט איהם אַלע מאָל נעהמען מיט זיכערהייט. — אויף דער פּיעדעל, אָבער, האָבען די טענער ניט קיין בעשטימטע פּלעצער. ווען דער שילער ווייס שוין אפילו יאָ מיט וואָס פאַר אַ פינגער צו נעהמען דעם טאָן, דאַרף ער אָבער ריכטיג טרעפען אויך וועלכען פונקט אויף דער סטרונע ער דאַרף צודריקען דעם פינגער, און טאָמער האָט ער ניט געטראָפען אפילו בלויז אויף אַ האָר, איז שוין דער טאָן פאַלש. — צו ערוואָרבען די נויטיגע זיכערהייט פון די פינגער, אָדער ווי עס רופט זיך אין מוזיק, אויסציאַרבייטען „אַ דייגע אינטאָנאַציע", פאָדערען זיך יאָהרען און יאָהרען. און סוף כל סוף קענט איהר אין די קריטיקען אפילו וועגען די בעריהמטעסטע פּיעדעל שפּיעלער ניט זעלטען געפינען אַזאַ פראַזע: „ניט קוקענדיג אויף זיין גלענצענדער טעכניק, פיהלט זיך ביי איהם, בעזאָנדערס אין די העכערע טענער, נ י ט ק י י ן ג אַ נ צ ע ר י י נ ע א י נ ט אָ נ אַ צ י ע.

היינט שטעלט אייך פאָר, אויב ביי אַ בעריהמטען קינסטלער איז דאָס אַזוי, וואָס קען שוין זיין אין דיעזער הינזיכט ביי אַ געוועהנליכען אָנפאַנגער?

אויסער דעם, מיינט ניט, אַז ווען איהר האָט שוין ווי עס איז אַוועקגעשטעלט דעם פינגער אויפ'ן ריכטיגען פּלאַץ זייט איהר שוין זיכער, אַז דער טאָן וועט קלינגען ריין, פונקט אַזוי, צ. ב. ש. ווי ווען איהר דריקט צו אַ געוויסען קלאַוויש אויפ'ן פּיאַנאָ — עס הויבט זיך גאָר ניט אָן: יעצט ווענדט זיך דאָס נאָך אָן דעם, אויב דער סמיטשיק אַרבייט ווי עס געהער צו זיין; און די טעכניק פונ'ם סמיטשיק איז אפשר נאָך פיעל שווערער ווי די טעכניק פון די פינגער. ניט אומזיסט עקזיסטירט ביי אידען אַ געוויסער אַנעקדאָט וועגען דעם, ווי אַ מלמד האָט געגעבען זיין תלמיד אַן ערקלערונג וועגען פּיעדעל שפּיעלען:

— דאַרפסט וויסען, מיין קינד, — האָט ער איהם געזאָגט,

— אַז דער עיקר פון דער פּיעדעל איז דער סמיטשיק, און דאָס וואָס כלי־זמר מאַכען מיט די פינגער, איז בלויז פון גאוה וועגען...

און ווירקליך שפּיעלט דער סמיטשיק די גרעסטע ראָלע: פון איהם הענגט אָב די זיסקייט און די גאַנצע געשמאַקקייט פונ'ם טאָן; אָבער אויף אויסצואַרבייטען אַ גוטען טאָן פאָדערט זיך, אַפילו ביי די בעסטע פעהיגקייטען, זעהר אַ לאַנגע צייט. וועגען דעם דורכשניטליכען אָנפאַנגער מעג מען זאָגען אַז אין פערלויף פון די ערשטע עטליכע יאָהר ש פּ י ע ל ט ער נאָך גאָר ניט: ער ס ק ר י פּ ע ט בלויז; און וואָס פאַר אַ טעם אַזאַ סקריפּען האָט; קען וויסען בלויז דער, וואָס האָט געוואוינט בשכנות מיט אַן אָנפאַנגענדען פּיעדעל־שפּיעלער...

---

איינער פון די הויפּט חסרונות פון דער פּיעדעל בעשטעהט אין דעם, וואָס אין פערלויף פון אַ לאַנגער צייט טאָר מען ניט געטרויען דעם אָנפאַנגער צו שפּיעלען זיינע איבונגען אַליין, אָהן דער אויפזיכט פונ'ם לעהרער, וואָרים ער וועט זיי געוויס שפּיעלען פאַלש. און דווקא אין פערלויף פון דער ערשטער צייט איז זעהר וויכטיג אַז דער שילער זאָל ענטוויקלען אין זיך אַ ריכטיגען געהער; אויב ניט, קען ער אַזוי פערדאַרבען זיין געהער אויפ'ן גאַנצען לעבען. ווען דער לעהרער קומט, ווי געוואויהנליך, בלויז איין מאָל אַ וואָך, הייסט עס אַז דער שילער האָט אין פערלויף פון די איבעריגע זעקס טעג געשפּיעלט פאַלש. עס פערשטעהט זיך, אַז אין דער איינציגער שטונדע וואָס ער וועט שפּיעלען מיט'ן לעהרער קענען זיינע אויערען ניט אָבגעוואויהנען זיך פון די פאַלשע טענער, צו וועלכע ער האָט זיי צוגעוואוינט אין פערלויף פון גאַנצע זעקס טעג.

נאָך אַ גרויסער חסרון פון דער פּיעדעל איז דאָס, וואָס זי ערלויבט ניט קיין מיטעלמעסיגע שטופע פון שפּיעלען. מיט איהר איז, ווי מען זאָגט: אָדער גאָר, אָדער גאָר ניט. אויף דער פּיאַנאָ, צ. ב. ש. קענט איהר מאַנכע מאָל הערען מיט פערגניגען אפילו אַן אָנפאַנגער; אויף דער פּיעדעל, אָבער, קענט איהר פערשאַפען אַ וועלכען עס איז פערגעניגען בלויז דעמאָלט, ווען איהר שפּיעלט שוין גוט — און דאָס פאָדערט לאַנגע יאָהרען פון פלייסיגע אַרבייט — כל זמן אָבער איהר זייט אַ שוואַכער שפּיעלער, זייט איהר ניט מעהר ווי אַ פּלאָג פאַר די שכנים...

אָבער דער גרעסטער פון אַלע חסרונות פון דער פּיעדעל בעשטעהט אין דעם וואָס פאַר איהר זיינען ניט גענוג בלויז אַלגעמיינע מוזיקאַלישע פעהיגקייטען, איהר מוזט נאָך, אויסער זיי, ספּעציעל בעזיצען געוויסע אינסטרומענטאַלע וויאָלין־פּעהיגקייטען; אויב ניט, זיינען פאַר אייך די טויערען פון איהר גן־עדן אויף אייביג פערשלאָסען. — שטעלט אייך פאָר אַז מענדעלסזאָהן און רובינשטיין האָבען געפּאַפּערט דער פּיעדעל גאָר ניט ווייניג צייט, און דאָך איז פון דעם גאָר ניט אַרויסגעקומען. זאָגען גלייך פון אָנהויב צו דער בעטרעפענדער אָנפאַנגער

בעזיצט די נויטיגע וויאָלין־פעהיגקייטען איז ניט קיין לייכטע זאך. געוויס, אין דיעזער הינזיכט האָט זעהר פיעל צו זאָגען די אויסערליכע פאָרם פון זיינע הענד, און א געניטער וויאָלין לעהרער קען פון דעם פיעל זעהען; אָבער בלויז אויף דעם אליין קען מען זיך פאָרט ניט פערלאָזען.

איין זאך קען מען זאָגען מיט זיכערהייט, אז פון הונדערט שילער וואָס פאַנגען אָן היינט צו טאָג צו לערנען פיעדעל, בעזיצט קוים איינער פון זיי די נויטיגע אינסטרומענטאלע פעהיגקייט, און ביי די איבעריגע 99 איז דאָס בלויז א „ברבה לבטלה“, ד. ה. [illegible] פריהער אָדער שפּעטער, וועלען זיי אלע מיט א צובראָכענער הארץ אוועקוואַרפען די פיעדעל און בלייבען אָהן מוזיק. זיי וועלען דענקען אז די נאַטור האָט זיי ניט בעשענקט מיט מוזיקאלישע פעהיגקייטען, בעת אין דער ריכטיגקייט בעהלט זיי בלויז די ספּעציעלע אינסטרומענטאלע פעהיגקייט, און אויף א וועלכען עס איז אַנדער אינסטרומענט וואָלטען זיי, מעגליך, געקענט האָבען דעם גרעסטען ערפאָלג.

אום צו געבען אין קורצען א גענוגענדען בעגריף וועגען די שוועריגקייטען פון דער פיעדעל איז גענוג צו זאָגען אז עס זיינען דאָ איינציגע אַנדערע אינסטרומענטען אויף וועלכע מען קען אין א מאָנאַט צייט אויפטאָן דאָס, וואָס אויף דער פיעדעל קען ניט דערגרייכט ווערען אין א יאָהר. — אלזאָ, איידער דער אנפאַנגער בעשליסט צו ריזיקירען מיט א רייהע יאָהרען פון איבעריגער ארבייט, דאַרף ער גוט ערפאָרשען אויב ער האָט גענוגענדע גרינדע צו טהאָן דאָס.

---

איך ווייס גאַנץ גוט, אז די אלע שוועריגקייטען פון דער פיעדעל, וואָס איך האָב דאָ אקאָראַט אויסגערעכענט, קענען און דאַרפען אָבשרעקען יעדען אנפאַנגער, און דעריבער איז גאַנץ נאַטירליך, אז די לעזער זאָלען מיר שטעלען די פאָלגענדע שאלה:

סטייטש, איך גיב דאָך אליין צו, אז די פיעדעל איז די קעניגין פון אלע אינסטרומענטען, און אז א געוויסע (כאָטש א קליינע) צאָהל מענשען האָבען דאָך איינגעבאָרענע אינסטרומענטאלע פעהיגקייטען צו איהר; — היינט פרעגט זיך, צי איז דען ניט ווערט אז א מוזיקאַליש בעגאַבטער אנפאַנגער זאָל זיך ניט אָבשרעקען און פּרופען זיין גליק, טאָמער וועט איהם סוף כל סוף געלינגען צו געווינען דעם גרויסען געווינס, ד. ה. צו ווערען א גוטער פיעדעל שפּיעלער? ! —

מיין תשובה וועט זיין די פאָלגענדע:

איך ווייס גאַנץ גוט אז די פעהיגקייט צו ריזיקירען מיט עפּעס איז זעהר א נאָבעלע פעהיגקייט; מענשען ריזיקירען ניט זעלטען מיט זייער גאַנצען פערמעגען, זאָגאַר מיט'ן לעבען אליין, ווען זיי אַנערקענען נאָר, אז די זאך צוליעב וואָס זיי טהוען דאָס איז דאָס ווערט. — אָבער יעדער מענש מיט א געזונטען פערשטאַנד דאַרף ניט פערמאַכען די אויגען ווען ער זעהט אז דאָס איז שוין מעהר ניט קיין ריסק, נאָר א זיכערער דורכפאַל. און אויסער דעם, ווען ער האָט שוין אפילו יאָ געוויסע האָפנונגען, וועלכע גיבען איהם מוט צו ריזיקירען, דאַרף ער אָבער, אין יעדען פאַל, אַנווענדען אלע זיינע מיטלען צו פערקלענערען דעם ריסק אויף וויפיעל עס איז נאָר מעגליך. — און איך וויל טאַקי דאָ אָנווייזען אין וואָס דיעזע מיטלען דאַרפען בעשטעהן:

פריהער פון אלץ דאַרף דער אָנפאַנגער זיך גוט עקזאַמינירען, צי זיין נייגונג צו דער פיעדעל איז ביי איהם איינגעבאָרען, אָדער צופעליג. עס טרעפט אויף יעדען שריט און טריט אז א קינד הערט צום ערשטען מאָל א גוטען פיעדעל־שפּיעלער און בעקומט א גרויסען חשק צו דער פיעדעל; אָבער דאָס איז נאָך גאָר ניט קיין בעווייז. אם מייסטען פּאַסירט עס בלויז צוליעב דעם, וואָס דאָס קינד האָט ביז דאַן ניט געהאַט די געלעגענהייט צו הערען קיינע גוטע שפּיעלער אויף וועלכע עס איז אַנדערע אינסטרומענטען. — דעריבער, איידער מען בעשליסט דעם אויסוואַהל פון אן אינסטרומענט, איז זעהר וויכטיג אז דער אָנפאַנגער זאָל אָפט הערען גוטע קינסטלער אויף פערשיעדענע אינסטרומענטען, און דאָס וועט איהם געוויס פיעל העלפען קלאָר צו מאַכען פאַר זיך זיין אמת'ע איינגעבאָרענע נייגונג צו וועלכען עס איז פון זיי.

אויסער דעם, האָב איך צו רעקאָמענדירען א מאַסרעגעל, וועלכע, פון דעם ערשטען בליק, שיינט צו זיין גאָר אויסער געוועהנליך, און דאָך איז זי אין העכסטען גראַד ניצליך און פּראַקטיש, נעמליך: יעדען אָנפאַנגער, וועלכער האָט צוליעב וועלכע עס איז אורזאַכען בעשלאָסען אָבצוגעבען זיך דער פיעדעל, רעקאָמענדיר איך, אז ער זאָל פריהער אָנפאַנגען צו לערנען די פּיאַנאָ, און ערשט מיט א פּאָר יאָהר שפּעטער, ווען ער האָט שוין אויפ'ן פּיאַנאָ געמאַכט א היבשען פּאָרטשריט, זאָל ער איבערגעהן צו דער פיעדעל. — די לאָגיק פון דיעזען פּלאַן בעשטעהט אין פאָלגענדעס:

געוועהנליך, הויבט אָן יעדער אָנפאַנגער פריהער פון אלץ צו שטודירען מיט דער הילף פון זיין אינסטרומענט די טעאָרעטישע רעגעלען פון נאָטען שריפט, און אין דער זעלבער צייט האָט ער אָנצואווענדען אלע זיינע מיטלען צו ענטוויקלען אין זיך די פעהיגקייט ריכטיג צו פיהלען די הויך און דעם ריטם פון די מוזיקאַלישע טענער. דיעזע צוויי זאַכען שטעלען מיט זיך פאָר כמעט ניט קיין קלענערע שוועריגקייטען ווי די טעכניק פונ'ם אינסטרומענט אַליין — און אָט פאַר די ביידע זאַכען איז די פּיאַנאָ דער בעקוועמסטער פון אלע אינסטרומענטען, בעת די פיעדעל איז פאַר די זעלבע זאַכען דער אונבעקוועמסטער פון אַלע אינסטרומענטען. און ווען איהר נעהמט אין בעטראַכט, אז די טעכנישע שוועריגקייטען פון דער פיעדעל אַליין זיינען פיעל, פיעל גרעסער ווי פון יעדען אַנדער אינסטרומענט, וועט איהר שוין פערשטעהן, אז אויף דער פיעדעל שטעהען פאָר פאַר דעם אָנפאַנגער צופיעל שוועריגקייטען מיט אַמאָל, און מען דאַרף זובען מיטלען זיי צו בעזייטיגען, וואָרים בלויז צוליעב זיי פערליערט דער אָנפאַנגער זעהר אָפט זיין געדולד און זאָגט זיך אָב פון לערנען מוזיק. — דער אויבען דערמאָהנטער פּלאַן, אָבער, בעזייטיגט אָט די צו גרויסע שוועריגקייטען אויף א גאַנץ צופריעדענשטעלענדען אופן.

און מיינט ניט, אַז די פּאָר יאָהר, וואָס דער אָנפאַנגער וועט לערנען פּיאַנאָ, וועלען זיין אומזיסט פערלאָרען פאַר דער פיעדעל — פונקט פערקעהרט: ווען ער לערענט פריהער צוויי יאָהר פּיאַנאָ און דאַן צוויי יאָהר פיעדעל, וועט ער צום סוף פון די פיער יאָהר זיין א פיעל בעסערער פיעדעל־שפּיעלער און א פיעל בעסערער מוזיקער, ווי ווען ער וואָלט די גאַנצע פיער יאָהר געלערענט בלויז פיעדעל.

היינט וואָס איז ווערט דאָס, וואָס ער וועט פאַר דער זעלבער צייט, אָהן קיינע פערלוסטען פאַר דער פיעדעל, בעקומען א היבשע בעקאַנטשאַפט מיט דער פּיאַנאָ, וואָס קען איהם צונוץ קומען ביי פערשיעדענע געלעגענהייטען אין פערלויף פון זיין גאַנצען לעבען. — ווי גוט ער זאָל דערנאָך ניט שפּיעלען אויף דער פיעדעל, וועט ער שוין אָבער די פּיאַנאָ ניט אוועקוואַרפען. — איך ווייס פיעל ביישפּיעלען וואו עלטערען האָבען אַזוי פּאָרבערייטעט זייערע קינדער צו דער פיעדעל און זיינען דערנאָך געווען העכסט צופריעדען מיט די רעזולטאַטען.

איך וויל דאָ נאָך זאָגען עטליכע ווערטער וואָס קענען ברענגען געוויסע נוצען אין מאַטעריעלען זין, נעמליך: גלייך אין אָנפאַנג איז ניט נויטיג צו צאָהלען פאַר א פיעדעל גרויסע געלד, וואָרים פאַר דעם אָנפאַנגער איז קיין אונטערשיעד ניט צי ער שפּיעלט אויף א טייערער אָדער א ביליגער פיעדעל. וואָס אַנבעלאַנגט אָבער דעם סמיטשיק, דאַרף ער זיין ציעמליך גוט, וואָרים ער שפּיעלט ביים לערנען זעהר א גרויסע ראָלע.

צום שלוס בלייבט מיר נאָך צו זאָגען זעהר א וויכטיגע זאך, נעמליך: — דער בעסטער מיטעל צו איבערצייגען זיך אויב דער אָנפאַנגער בעזיצט די נויטיגע אינסטרומענטאַלע וויאָלין־פעהיגקייטען, איז אויסצופּרובען דאָס אין דער פּראַקטיק, ד. ה. אָנצופאַנגען צו לערנען שפּיעלען אויף דיעזען אינסטרומענט. אויב די נויטיגע פעהיגקייטען זיינען דאָ, ווייזען זיי זיך אַרויס גלייך אין די ערשטע מאָנאַטען, און אויב זיי ווייזען זיך פאַר דיעזער צייט ניט אַרויס, איז דאָס א קלאָרער סימן, אַז זיי פעהלען אינגאַנצען, און ס'איז ניטאָ וואָס צו האָפען אַז זיי

זאָלען זיך אַרויסווייזען ווען עס איז שפּעטער. — אין אזא פאַל, דאַרף דער אָנפאַנגער ניט פערלירען אומזיסט קיין צייט: זאָל ער זיך וואָס גיכער אָבזעגענען מיט רער פיעדעל און נעהמען זיך צו א וועלכען עס איז לייכטערען אינסטרומענט. זאָל ער גוט געדענקען, אז אויב ער וועט אין אַזאַ פאַל זשאַלעווען די עטליכע מאָנאַט, וועט ער סוף כל סוף מיט פיעל מעהר הארץ ווערטאָג ביזען טהאָן דאָס שפּעטער מיט עטליכע יאָהר...

עס פערשטעהט זיך, אז אין איין אַרטיקעל איז אונמעגליך צו ערשעפּפען אַלץ וואָס עס קען געזאָגט ווערען וועגען דער פּיעדעל; וועגען איהר קען מען אָנשרייבען גאַנצענע ביכער. אָבער איך גלויב, אז איך האָב דאָ געגעבען די נויטיגע אויסקינפטע וועגען אַלץ, וואס דער אָנפאַנגער דאַרף וויסען, איידער ער נעהמט זיך צו ריעזען ריזיקאַלישען אינסטרומענט; און דאָס, נעמליך, איז דאָך געווען מיין צוועק.

## פֿאָרווערטס - מאַרש.

טעקסט פון י. פּיראָזשניקאָוו
ניגון פון י. גינזבורג

(פּיאַנאָ)
(פּעדאַל)

For-werts, bri-der, for-werts, bri-der, Un-ser ziel is schoin nit woit,
Hert es hil-chen froi-hoits lie-der, Seht, es kumt a na-ie zoit
Seht, es schoint a na-ier ste-ren froi-hoit, glaich-hoit ie-der strohl
Mehr koin sklo-fen, mehr koin her-ren, men-schen bri-der i-ber-al
Kumt je, kumt je schnel ant-ke-gen fus in fus un wert nit mied,
Blois mor-schirt in fra-ie we-gen un ge-denkt di froi-hoits lied, hu-ra
(Begin the 1st line)
Hert es hil-chen froi-hoits lie-der Seht, es kumt a na-ie zoit, hu-ra!

## פאָרווערטס-מאַרש.

פון י. פּיראָזשניקאָוו

פאָרווערטס, ברידער, פאָרווערטס ברידער
אונזער ציעל איז שוין ניט ווייט.
הערט, עס הילכען פרייהייטס ליעדער,
זעהט, עס קומט א נייע צייט.

זעהט, עס שיינט א נייער שטערען —
פרייהייט, גלייכהייט, יעדער שטראַהל.
מעהר קיין שקלאַפען, מעהר קיין הערען;
מענשען־ברידער איבעראַל.

קומט זשע, קומט זשע, שנעל אַנטקעגען,
פוס און פוס, און ווערט ניט מיעד;
בלויז מאַרשירט אין פרייע וועגען
און געדענקט די פרייהייטס ליעד! הורא!

# דער פּראָגרעס פון וויסענשאַפט און טעכניק.

לאַזאַר סאַמאַילאָוו

## א דראָטהלאָזער סאַבמאַרין.

א מאַן מיט'ן נאָמען ראָבערט מאַרטאָן פון לאָס-אַנזשעלאָס, האָט ניט לאַנג צוריק ערפונדען א סאַבמאַרין, וואס זאָל זיך בעוועגען, זאָל זיך קירעווען, אראָפּלאָזען און אויפהויבען זיך פון וואסער איינער אליין, אָהן מענשען, נאָר מיט דער קראַפט פון דראָטלאָזער עלעקטריציטעט. כדי צו צייגען, אז זיין ערפינדונג איז ווירקליך א גוטע און קען ערפילען אלעס, וואס עס ווערט פון איהר ערוואַרטעט, האָט ער זיין מאַשין דעמאָנסטרירט אין געגענוואַרט פון מבינים און אָפיציעלע פּערזאָנען. ער האָט געמאַכט א שטאָהלענעם טענק פון א 50 פוס די לענג, האָט עס אָנגעפילט מיט וואסער און דאָרטען האָט ער געלאָזט שווימען דעם מאָדעל פון זיין מאשין. דאָס איז געווען א קליינער סאַבמאַרין 8 פוס די לענג. פון איהם האָבען אַרויסגעשטעקט צוויי הויכע מאַסטען, צווישען וועלכע עס זיינען געווען אָנגעצויגען עטליכע קופּערנע דראָטען. אויף דעם לשון פון עלעקטראָטעכניק ווערען אזעלכע דראָטען אָנגערופען „לופט-דראָטען". זייער אויפגאַבע איז איבערצונעהמען די עלעקטרישע כוואַליעס, וואס פערשפּרייטען זיך אין דער לופטען פון א צווייטען אַפּאַראַט, איבערצוגעבען דיזע עלעקטריציטעט צו דעם אַפּאַראַט, מיט וועלכען זיי זיינען פעראייניגט און ברייינגען דעם אפּאַראַט אין בעוועגונג.

ער אליין, דער ערפינדער, האָט זיך געזעצט אין א זייט, ביי זיין דראָטלאָזען אַפּאַראַט און האָט געקאָמאַנדעוועט מיט זיין שיפעל. ווען ער האָט געוואָלט, אז דער קליינער סאַבמאַרין זאָל זיך בעוועגען פאָראויס אין א גלייכער ליניע, האָט ער א דריק געטהאָן א קנעפּעל. עס האָבען זיך באלד בעוויזען קליינע, כּמעט ליבע עלעקטרישע פונקען, און אין דער זעלבער צייט האָט דאָס שיפעל א ציטער געטהאָן און האָט זיך אָנגעפאַנגען בעוועגען פאָראויס. ווען ער האָט געוואָלט אז דאָס שיפעל זאָל זיך קירעווען צו רעכטס, האָט ער געדריקט א צווייטען קנעפּעל, און ווען ער האָט געוואָלט אז זי זיך קירעווען צו לינקס, האָט ער געדריקט א דריטען קנעפּעל, א. ז. וו.

דער שטח, וואס האָט אָבגעטהיילט דעם ערפינדער פון זיין מאָדעל, איז געווען אינגאַנצען עטליכע פוס. אָבער דער שטח, איבער וועלכען דראָטלאָזע עלעקטריציטעט קען זיך פערשפּרייטען און ווירקען, איז אונבעגרענעצט. איינער קען זיצען אין זיין אָפיס אין ניו יארק און קאָמאַנדעווען מיט א שיף, וואס זאָל זיך בעוועגען ערגעץ ארום די ווייטע ברעגען פון ים.

די ערפינדונג איז איינינע מאָל אויסגעפּרובירט געוואָרען און האָט זיך ארויסגעצייגט צו זיין א פאָלקאָמענער ערפאָלג: דער מאָדעל האָט געטהאָן אלעס, וואס מען האָט איהם געהייסען דורך די דראָטלאָזע אַפּאַראַטען. עס איז נאָך א פראַגע, צי וועט מען די זעלבע ערפינדונג קענען אָנווענדען אין א גרויסען סאַבמאַרין. עס קען זיך מאַכען, אז אין א מאָדעל, אין א קליינעם מאַסשטאַב איז די ערפינדונג גוט און עס ווירקט; און ווען מען וויל די זעלבע ערפינרונג אָנווענדען אין א גרויסער מאָס און זוכען צו עררייכען יענע ציעלען, צוליעב וועלכע די ערפינדונג איז געמאַכט געוואָרען, דאן שטויסט מען זיך אָן אָן ניט פאָראויסגעזעהענע שטערונגען און שוועריגקייטען.

אָבער ניט וועגען דעם האַנדעלט זיך דאָ. אינטערעסאַנט איז די ערשיינונג אליין און פאר זיך. אינטערעסאַנט און איכערראַשענד איז צו בעטראַכטען די אונבעגרענעצטע מעגליכקייטען, וועלכע עלעקטריציטעט שטעלט מיט זיך פאָר.

מעגליך, אז אין דער נאָהענטער צוקונפט זאָלען מיר זעהען פאר זיך סאַבמאַרינס אדער אנדערע שיפען, וואס זאָלען זיך בעוועגען איבער'ן וואסער איינע אליין, און די מענשען, וואס זאָלען קאָמאַנדעווען מיט אזא שיף, זאָלען זיך געפינען פיעלע מיילען ווייט פון איהר. און מעגליך, אז עס זאָל זיך ארויסצייגען ניט גענוג פּראַקטיש עס זאָל כדאי זיין צו בויען אזעלכע שיפען. אבער דער פּרינציפּ, די מעגליכקייט פון אזא איינריכטונג איז שוין דאָ, עס איז שוין ערפינדען און אויסגעפּרובירט געוואָרען. און דאָס איז שוין עטוואס, וועגען וואס עס האָט ניט געוואגט פאַנטאַזירען זאָגאר אזא גרויסער פאַנטאַזיאָר, ווי זשול ווערן.

## אן אַפּאַראַט צו אַנאַליזירען די שטויב פון דער לופט.

יעדע מינוט פון אונזער לעבען אָטהעמען מיר אין זיך אריין די לופט פון ארום אונז אמווייניגסטענס 15 מאָל. אליין און פאר זיך איז עס א גאנץ גוטע זאך. ריינע לופט איז א געזונטער און געשמאַקער מאכל און קאָסט ביליג. די צרה איז אָבער, וואס צוזאמען מיט דער לופט אָטהעמען מיר אין זיך אריין א מאסע שטויב, וואס די לופט ענטהאַלט אין זיך. און דיזער שטויב דרינגט אריין אין אונז, זעצט זיך אָב אויף די ווענטלאך פון אונזערע לונגען און ברייינגט אונז גאָר קיין נוצען ניט, — פארקעהרט, עס פעראורזאכט נאָך א היבש ביסעל טראָבעל.

ביי געוועהנליכע בעדינגונגען קען מען דיזען שטויב אין דער לופטען ניט זעהן. אבער ווען מען קוקט אויף די פּאַסען זונענשיין, וואס שלאָגען זיך דורך די שויבען פון די פענסטער, דאן קען מען זעהען אין דיזען פּאַס מיליאָנען שטיקלאך שטויב, וואס טראָגען זיך און בעוועגען זיך לאנגזאם אין דער לופטען און אלע ריכטונגען. אָדער, ווען מען זיצט אין א מואווינג פּיקטשור פּלאַץ, זעהט מען ווי פון דעם אַפּאַראַט, וואס פּראָיעקטירט די בילדער, פארשפּרייט זיך א לאנגע, העלער ליכט פּאַס, וואס ווערט אלץ ברייטער, וואס נעהנטער עס קומט צו דער וואנט, וואו מען זעהט די בילדער. קינדער מיינען, אז דאָס זיינען די ליכט שטראַהלען, וואס קומען ארויס פון דעם אַפּאַראַט, אָבער דאָס איז ניט ריכטיג, ווייל ליכט שטראַהלען קען מען ניט זעהן; מען קען נאָר זעהן די זאכען, אויף וועלכע די שטראַהלען פאַלען. און דער העלער פּאַס, וואס מיר זעהען, — דאָס זיינען די שטיקלאך שטויב, מיט וועלכע די לופט איז פול און וועלכע זיינען געוואָרען זעהבאר דערפאַר, ווייל די ליכט שטראַהלען פון אַפּאַראַט זיינען אויף זיי געפאַלען.

און איינע פון די אויפגאַבען פון די העלטה דעפּאַרטמענטס פון די גרעסערע שטעדט איז אָנצופיהרען א קאַמפּף געגען דיזען שטויב, וועלכער איז אזוי ניט גינסטיג פאר אונזער געזונד. און אז מען וויל אָנפיהרען א קאַמפּף מיט עפּעס, מוז

מען פריהער די זאך שטודירען. דעריבער האט דר. ע. ה י ל ל, פון דעם העלטה דעפארטמענט אין שיקאגא, ערפונדען אזא אפאראט מיט וועלכען מען זאל קענען צעהלען און מעסטען די שטויב פון דער לופט, און פערגלייבען איין לופט מיט א צווייטער.

דער אפאראט שטעלט מיט זיך פאר א קליינע האנד־פומפע אין וועלבען מען קען אריינציהען א בעשטימטע מאס לופט, און די שטויב, וואס האט זיך אריינגעצויגען צוזאמען מיט דער לופט, זעצט זיך אפ אויף א שטיקעל גלאז פון א בעשטימטער גרויס. כדי די שטויב זאל זיך בעסער און זיבערער אבזעצען, ווערט נאך דאס גלעזעל בעדעקט מיט א געוויסען פעטען שטאף. נאכהער ווערט דאס גלעזעל מיט דער שטויב אונטערזוכט מיט דער הילף פון א מיקראסקאפ.

וואס פאר א נוצען קען ברייגגען אזא אינסטרומענט? ער קען שוין ברייגגען א סך און פערשידענע נוצען. אט איז א ביישפיעל.

אין שיקאגא האט מען געבויט א טעאטער. האט מען געדארפט דורכפיהרען ברייטע אייזערנע רעהרען, דורך וועלכע מען זאל קענען טרייבען פרישע לופט אין טעאטער. און גראדע אין יענעם מאמענט האט מען אזעלכע רעהרען ניט געקענט קריגען, ווייל די ארבייטער פון דעם בעטרעפענדען טרייד האבען געסטרייקט. האט זיך דער ארביטעקטאר פון דעם טעאטער געווענדעט צו דעם באארד אוו העלטה און געבעטען ערלויבנים דורכצופיהרען הילצערנע רעהרען אנשטאט אייזערנע. דער באארד אוו העלטה האט פרינציפיעל גאר ניט געהאט דאגעגען; די פראגע איז נאר געווען, צי וועלען די הילצערנע רעהרען ערפילען די זעלבע אויפגאבען.

דאן איז געקומען דער אויבענדערמאנטער דר. הילל, און מיט דער הילף פון זיין אפאראט האט ער געמאכט אן אנאליז איבער דער לופט, וואס געהט דורך הילצערנע רעהרען. אויף אזא אופן האט ער אויסגעפונען, אז די לופט, וואס בעוועגט זיך דורך הילצערנע רעהרען, רייבט אפ גאנץ קליינע שטיקלאך האלץ פון די ווענטלאך פון די רעהרען און פערגרעסערט די מאס שטויב פון דער לופט. און אויף דיזען גרונד האט מען קיין ערלויבנים דורכצופיהרען אזעלבע רעהרען ניט געגעבען.

דיזער פאקט האט א פיעל גרעסערע און פיעל וויכטיגערע בעדייטונג, ווי עס זעהט אויס צו זיין פון דעם ערשטען בליק. מיר ווערען אפט קראנק אויף פערשיעדענע קראנקהייטען, און מיר ווייסען ניט פון וואנען עס האט זיך גענומען, מיר פיהלען ניט די דירעקטע אורזאבען, וואס האבען אונז צו אזא צושטאנד געבראבט. און דאס איז דערפאר, ווייל דיזע אורזאבען זיינען צו קליין אז מען זאל זיי קענען זעהן מיט די אויגען אדער פיהלען מיט וועלכען עס איז פון די איבעריגע אונזערע חושים. די שטויב פון דער לופט איז אהן צווייפעל איינער פון די וויכטיגסטע פאקטארען, וואס פעראורזאכט פערשיערענע קראנקהייטען אדער שוואכט אב אונזער קערפער, כאטש מיר פיהלען עס ניט דירעקט. און יעדער שטיקעל שטויב, וואס ווערט בעזייטיגט פון דער לופט, פערקלענערט די געלעגענהייטען צו שאדען אונזער געזונד. און אזוי ווי דער אינסטרומענט פון דר. הילל העלפט אנצופיהרען א קאמפף געגען דיזען שטויב, דעריבער איז דיזע ערפינדונג זעהר א ווינשענסווירדיגע ערשיינונג און פערדיענט אונזער אנערקענונג און דאנקבארקייט.

## נייע העלדען פאר מואווינג פיקטשורס.

די מואווינג פיקטשורס, וואס מיר האבען ביז יעצט געזעהן, זיינען געווען אמאל מעהר און אמאל ווייניגער אמוזאנט. אבער יעדענפאלס ניט מעהר ווי אמוזאנט. עס איז אבער א סברה, אז אין גיכען זאלען מיר האבען אזעלבע מואווינג פיקטשורס, וואס זאלען זיין אי אמוזאנט, אי העכסט בעלעהרענד צו דער זעלבער צייט. א מאן מיט דעם נאמען מ ר. א ל ט א ן ארבייט יעצט צו פראדוצירען אזעלבע בילדער. אזוי אס ווייניגסטען בעריבטעט א מיטארבייטער פון דעם וויסענשאפטליבען זשורנאל „סיינטיפיק אמעריקאן“. וועלבער האט בעזובט די לאבאראטאריע פון מר. אלטאן און האט געזעהן, ווי די ארבייט געהט אן.

וואס זשע זיינען דאס פאר א מואווינג פיקטשורס און ווער זיינען די אקטיארען? די מואווינג פיקטשורס זיינען געוועהנליכע, אבער די אקטיארען זיינען שוין גאר ניט קיין געוועהנליכע. די אקטיארען זיינען יענע לעבעדיגע בעשעפענישען, וועלבע מען קען זעהן אין א טראפען שמוציגע וואסער דורך א גוטען מיקראסקאפ.

ווען מען נעהמט א טראפען שמוציגע וואסער פון א זומפ אדער פון אן אנדער ארט, וואו די וואסער איז א שטעהענדע, און מען בעטראבט עס אונטער א מיקראסקאפ, דערזעהט מען פאר זיך א גאנץ נייע וועלט. דאס איז א וועלט פון גאנץ אנדערע מינים לעבעדיגע בעשעפענישען, וואס זיינען גאר ניט עהנליך צו יענע בעשעפענישען, וועלבע מיר בעגעגענען אין גאס, אין פעלד, אין וואלד אדער אין די זאאלאגישע גארטענס. די פארמען פון זייערע קערפערס זיינען אנדערע; זייערע אויפפיהרונגען זיינען אנדערע און דער גאנצער ארט לעבען זייערער איז אן אנדערער. דאס איז א וועלט אליין און פאר זיך, וועלבער איז דעם ברייטען עולם גאר ניט בעקאנט. און וויל מען אנפאנגען שטודירען אזעלבע וויסענשאפטען, ווי זאאלאגיע, פיזיאלאגיע, ביאלאגיע, באטאניקע און פסיבאלאגיע מוז מען אנפאנגען שטודירען דאס לעבען אין א טראפען וואסער. די לעבעדיגע בעשעפענישען זיינען דא איינפאכערע, זייער ארט לעבען איז אן איינפאכערער און לאזען זיך בעסער בעאבאכטען און שטודירען.

א מענש ווערט געבוירען א קליינינקער און אין די ערשטע 20 יאהר האלט ער אין איין וואקסען; זיין קערפער ווערט אלץ גרעסער און גרעסער. ווי אזוי וואקסט עס א מענש? פיזיאלאגיע (די וויסענשאפט וועגען די לעבענס פראצעסען, וואס קומען פאר אין קערפער פון מענשען און חיות) לערענט אונז, אז יעדער לעבעדיגער קערפער איז צוזאמענגעשטעלט פון אזעלבע קליינע טהיילכעלאך, וואס מען רופט צ ע ל ע ן. און דיזע צעלען מעהרען זיך גאנץ איינפאך: פון איינעם ווערט צוויי, פון צוויי ווערט פיער, א. ז. וו. און ווי אזוי דאס קומט פאר, קען מען זעהן ווען מען בעאבאכטעט דאס לעבען פון אן א מ י א ב ע אונטער א מיקראסקאפ. אן אמיאבע — דאס איז א קליינע לעבעדיגע בעשעפעניש, וועלכע מען קען זעהן נאר אונטער א גוטען מיקראסקאפ און וועלכע בשטעהט נאר פון איין איינציגען צעל. ריכטיגער וועט זיין, ווען מיר וועלען זאגען, אז דאס איז א צעל, וואס לעבט בעזונדער און זעלבסטשטענדיג. בעאבאבטענדיג אזא אמיאבע פאר א לענגערע צייט, קען מען בעמערקען, ווי זי ווערט ביסלעבווייז לענגער, דערנאך ווערט זי אין מיטען דינער, ווי יונגע צווייגען מיט א פאדים. און ענדליך צוטהיילט זי זיך אויף צוויי בעזונדערע און זעלבסטשטענדיגע אמיאבען, און יעדע פון זיי צוטהיילט זיך נאכהער ווי דער אויף צוויי, א. ז. וו. און דאס גיט אונז שוין א בעגריף וועגען דעם, ווי אזוי עס וואקסט אונזער קערפער.

אביסעל גרעסער פון די אמיאבען זיינען אנדערע מינים מיקראסקאפישע בעשעפענישען, וואס טראגען דעם אלגעמיינעם נאמען א י מ פ ו ז א ר י ע ן. זייער קערפער איז גרעסער און קאמפליצירטער, און דעריבער איז זעהר ארט לעבען אויך מעהר קאמפליצירט. בעאבאכטענדיג אונטער א מיקראסקאפ פערשיעדענע אימפוזאריען, קען מען זעהן, ווי זיי בעוועגען זיך אין דעם טראפען וואסער, ווי אזוי זיי עסען, ווי אזוי זיי יאגען זיך נאך שפייז, און ווי אזוי זיי פיהרען אן א קאמפף איינער מיט דעם צווייטען.

אט איז אן אימפוזאריע. זי זעהט אויס ווי א קרוגעלע מיט אן עפענונג פון פארענט. דיזע עפענונג דיענט איהר אלס א

מויל און איז ארומגערינגעלט מיט לענגליכע הערעלאך. מיט דיעזע הערעלאך האלט זי אין איין בעוועגען זיך אויף אזא אופן, אז עס זאל אריינטרייבען וואסער אין איהר עפענונג, אדער מויל. און מיינען מיינט זי ניט דאס וואסער, נאר יענע שטיקלאך גראז און אנדערע שטיקלאך אבפאל, וואס טראגען זיך אין וואסער און וואס קען איהר דיענען אלס שפייז. און איז אן אנדער אימפוזאריע. עס זעהט אויך אוים לויט ווי א קרוגעלע מיט א לאנגען דינעם עק פון אונטען; און ווען דיעזער עק קלאפט זיך אן אן עפעס א הארטע זאך, ציהט זיך דער עק צוזאמען, ווי די אימפוזאריע זאל פיהלען א וועהטאג. אט איז נאך אן אימפוזאריע. זי בעוועגט זיך שנעל איז וואסער און ניט אין א גלייכער ליניע, נאר ווארפט זיך פון זייט צו זייט. אט גיט זי זיך א ווארף אויף רעכטס, און אט אויף לינקס, און מאכט דעם איינדרוק, ווי עס זאל זיין שטארק בעשעפטיגט זוכענדיג שפייז. פלוצים ד ע ר ז ע ה ט זי אן אנדערע לעבעדיגע בעשעפעניש, וואס שווימט ערגעץ אן א זייט, און גיט זיך נאך דעם א ווארף. די צווייטע בעשעפעניש וויל דאך דאס ניט ליידען און אנטלויפט; אבער אונזער אימפוזאריע יאגט זיך נאך איהר אזוי לאנג, ביז זי פאנגט עס און עסט עס אויף. און אט האבען זיך צוויי אימפוזאריעס בעגעגענט לעבען איין שטיקעל שפייז, און צווישען זיי ברעכט אוים א פערביטערטער קאמף, ביז איינער ווערט בעזיעגט און מוז אוועק אן א זייט, און די זיעגערין עסט אויף די שפייז.

און אזעלכע בילדער, וואס זיינען אין אלע הינזיכטען עהנליך צו דעם, וואס עס קומט פאר אין שטאדט, אין פעלד און אין וואלד, קען מען דארטען זעהן א סך.

אבער ווער קען עס זעהען? עס קען עס זעהן דער געלעהרענטער, דער פראפעסאר, דער סטודענט — מענשען, וועלכע האבען געמאכט אזעלכע בעאבאכטונגען אלס די הויפט טהעטיגקייט אין זייער לעבען. עס קענען עס זעהן מענשען, וואס האבען אי די נויטיגע וויסענשאפטליכע פארבערייטונגען, אי די נויטיגע אינסטרומענטען. כדי צו שטודירען דעם ארט לעבען פון די מיקראסקאפישע בעשעפענישען דארף מען האבען אי א ראסקאפ, וואס דאס אליין איז שוין א ראסקאש פאר א געוועהנליכען מענשען. און אלעס, וואס עס בלייבט צו טהאן פאר דעם דורכשניטליכען מענשען, וואס אינטערעסירט זיך מיט סך צייט, איז א סך געדולד, שוין ניט רעדענדיג וועגען א מיקאזעלכע זאכען, איז צו לעזען אין די ביכער די בעאבאכטונגען פון געלעהרטע.

די וועלט פראגרעסירט אבער. צוזאמען מיט דער ענטוויקלונג פון די וויסענשאפטען און די וויסענשאפטליכע איינריכטונגען, ענטוויקלען זיך אויך יענע מיטלען, וואס זאלען מאכען די וויסענשאפטען מעהר צייגענדליך פאר די· ברייטע מאסען. דער גראמאפאן האט געגעבען יעדען איינעם א מעגליכקייט צו הערען זעלטענע שטימען און אזא מוזיק, וואס איז אויסגעפיהרט געווארען פון זעלטענע שפיעלער. אמת, — דער גראמאפאן גיט נאר א קאפיע פון דער מוזיק, אבער דאס איז אזא קאפיע, וואס גיט א בעגריף וועגען דעם אריגינאל. און יעצט קומען די בעוועגליכע בילדער. שוין ניט רעדענדיג וועגען דעם, וואס די מואווינג פיקטשורס האבען געגעבען א געלעגענהייט דעם ברייטען עולם צו זעהן די שפיעל פון בעריהמטע אקטיארען; די זעלבע מואווינג פיקטשורס האבען אויך געגעבען א געלעגענהייט צו זעהן זעלטענע געאגראפישע בילדער. מען זעהט דארטען ניט זעלטען בילדער פון ווייטע לענדער, פון געיעג אויף פערשיעדענע חיות, פון דעם ארט לעבען פון פערשיעדענע פעלקער, און די אלע בילדער גיבען אונז אזעלכע גוטע קאפיעס פון די אריגינאלען, דאס עס דוכט זיך אונז, אז מיר זיינען אליין געווען אין אלע יענע ערטער און אליין געזעהען די אלע בילדער.

און יעצט וועלען אלע האבען א געלעגענהייט צו זעהן אזעלכע בילדער פון דער מיקראסקאפישער וועלט, וועלכע עס האבען זיך פריהער ניט געקענט פערגינען יעדער איינער. צו פראדוצירען אזעלכע בילדער דארף מען זיין גוט בעקאנט מיט איניגע צווייגען פון דער נאטור־וויסענשאפט, מען דארף זיין א גוטער פאטאגראפער, מען דארף האבען א סך געדולד און פיהלען א ספעציעלע ליעבע און איבערגעבענהייט צו אזא ארט טהעטיגקייט.

## רעזולטאט פון קאנפערענץ צו נאמינירען די נאצ. עקז. קאמיטע פון ארבייטער רינג.

פאר דעם יאהר 1918—1919.

פאלגענדע 60 קאנדידאטען האבען געקראגען די גרעסטע צאהל שטימען און וועלען געהן צום רעפערענדום־באלאט פאר אבשטימונג:

| | נאמען | מעמבער פון בר. | צאהל שטימען |
|---|---|---|---|
| 1. | האפמאן, ב. | 275 | 156 |
| 2. | יעללין, ס. | 6 | 143 |
| 3. | עפשטיין, אב. | 1 | 137 |
| 4. | צוקער, א. | 400 | 136 |
| 5. | גוסקין, ר. | 206 | 134 |
| 6. | דראפקין, ש. | 352 | 134 |
| 7. | בורגין, ה. | 49 | 133 |
| 8. | איווענסקי, מ. | 194 | 132 |
| 9. | אדלער, א. | 510 | 129 |
| 10. | וויינבערג, דזש. | 2 | 125 |
| 11. | דיננערסטיין, א. | 99 | 125 |
| 12. | וויינבלאט, מ. | 36 | 123 |
| 13. | וואלבערג, מ. | 82 | 122 |
| 14. | זאלצמאן, ר. | 286 | 120 |
| 15. | מאלאט, מ. | 99 | 118 |
| 16. | גערשאנאוו, מ. | 132 | 117 |
| 17. | דאווידאוו, מ. | 2 | 115 |
| 18. | סילווערמאן, א. | 455 | 115 |
| 19. | פערלאוויטין, מ. | 280 | 114 |
| 20. | וואלאוויטין, ב. | 43 | 113 |
| 21. | ראטהמאן, ל. | 193 | 113 |
| 22. | גאלרינג, מ. | 367 | 112 |
| 23. | ראטהמאן. דזש. | 49 | 109 |

| | נאמען | מעמבער פון בר. | צאהל שטימען |
|---|---|---|---|
| 24. | יודיטש, פ. | 75 | 106 |
| 25. |ביילין, ל. | 99 | 106 |
| 26. | מינטץ, ס. | 275 | 102 |
| 27. | אלטמאן, ל. | 455 | 102 |
| 28. | פריימאן, נ. | 39 | 101 |
| 29. | זארעטצקי, מ. | 72 | 97 |
| 30. | סמיטה, ב. | 75 | 96 |
| 31. | ברוידא, ר. | 164 | 96 |
| 32. | וואלף, דזש. | 74 | 95 |
| 33. | ספינראד, מ. | 235 | 95 |
| 34. | וויינשטיין, דזש. | 280 | 90 |
| 35. | בעקער, ב. | 36 | 89 |
| 36. | גאלמאן, ד. | 99 | 89 |
| 37. | מאלאט, מ. | 183 | 89 |
| 38. | קאססאוויטין, א. | 136 | 88 |
| 39. | בענימאוו, א. | 260 | 88 |
| 40. | גאלינסקי, ל. | 146 | 85 |
| 41. | לין, ס. | 195 | 84 |
| 42. | סעלדין, ס. | 206 | 84 |
| 43. | גיטלין, פ. | 442 | 84 |
| 44. | פריעדמאן, מ. | 23 | 83 |
| 45. | שפייער, ז. | 75 | 83 |
| 46. | פאזעס, מ. | 97 | 82 |

| | נאמען | מעמבער פון בר. | צאהל שטימען |
|---|---|---|---|
| 47. | עהרליך, מ. | 42 | 80 |
| 48. | פלאשענבערג, ל. | 49 | 80 |
| 49. | וואלאס, ס. | 75 | 80 |
| 50. | לעווין, ב. | 201 | 80 |
| 51. | קראפקא, ב. | 235 | 80 |
| 52. | ראזענבלאט, דזש. | 539 | 76 |
| 54. | פעלדמאן, ה. | 49 | 74 |
| 53. | קליינמאן, ה. | 42 | 74 |
| 55. | סערעלסטיין, מ. | 206 | 73 |
| 56. | עפשטיין, ל. ב. | 201 | 71 |
| 57. | סודאקאוו, י. | 548 | 70 |
| 58. | קאפלאן, ס. | 72 | 67 |
| 59. | אוטשיטעל, א. | 4 | 66 |
| 60. | סלאבאדא, מ. | 501 | 66 |

ברודער לין האט זיך צוריקגעצויגען און אויפ'ן באלאט וועט ארויף ברודער קיילעס, ב., פון ברענטש 299.

ר. ג י נ ז ב ע ר ג, בר. 2,, טשערמאן.
מ. מ י נ ד ל י ן, בר. 107
א. ע ב ע ר י ל, בר. 346
ס. נ א ד ע ל מ א ן, בר. 275, סעקרעטער
מ. פ י י נ ג ע ל ס א ן, בר. 367
צ ע ה ל ע ר ק א מ י ט ע.

# זיצונגען פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו א. ר.

דער רעגולער מאָנאַטליכער מיטינג פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע פון ארבייטער רינג ווערט ערעפענט מיטוואָך, דעם 6טען פעברואר, אום 8 אוהר אבענד, פון טשערמאַן, פריינד אב. עפּשטיין.

## קאָמיטעס

פון ברענטש 3 — בעטען, אז עס זאָל בעשטימט ווערען א בעזונדערע טעריטאָריעלע קאָנפערענץ אין ברוקלין צו ערוועהלען דעלעגאַטען צום קאָנווענשאַן, ווי דאס איז געווען מיט צוויי יאהר צוריק. זיי גלויבען, אז די מעמבערשיפּ פון ברוקלין איז בערעכטיגט צו א בעזונדערע קאָנפערענץ.

עס ווערט בעשלאָסען זיי צו ערקלעהרען, אז אלע פאַרבערייטונגען זיינען שוין געמאַכט געוואָרען פאר א טעריטאָריעלע קאָנפערענץ אין גרייטער ניו יאָרק, און אזוי ווי די צייט איז קורץ, איז עס איינפאַך א פיזישע און טעכנישע אונמעגליכקייט צו בעוויליגען זייער פערלאַנג.

פון בר. 86 — לאַדען איין צוויי פערטרעטער צו זייער יאהרעס-פעסט און באַנקעט, דעם 9טען פעברואר.

בעשלאָסען אַננעהמען די איינלאַדונג מיט דאַנק. ערוועהלט פריינדע וויינבלאַט און גאַלדינג.

פון בר. 439 — לאַדען איין צוויי פערטרעטער צו זייער 8 יעהריגען יובילעאום, וואס וועט געפייערט ווערען דעם 24טען פעברואר.

בעשלאָסען אננעהמען די איינלאַדונג מיט דאַנק. ערוועהלט פריינדע ל. ראטהמאַן און פלאַשענבערג.

## צושריפטען

פון בר. 185 — לאַדען איין צוויי פערטרעטער צו זייער 10 יעהריגען יובילעאום, וואס וועט געפייערט ווערען דעם 24טען פעברואר.

בעשלאָסען אננעהמען די איינלאַדונג מיט דאַנק. ערוועהלט פריינדע מ. מאלאט און מ. גאלדינג.

פון בר. 432, ראסין, וויסקאָנסין — שרייבען, אז זיי האָבען ערהאַלטען די נאָמינייישאַן ליסט פאר דער נאַצ. עקזעקוטיווע פון יאהר 1918-19. ניט קענענדיג גענוג די טהוער פון ארבייטער רינג אין און ארום ניו יאָרק, האָבען זיי בעשלאָסען צו נאָמינירען איינשטימיג די יעצטיגע דזשענעראל עקזעקוטיווע, וועגען וועלכער זיי האָבען פיעל געהערט און האָבען געהאַט די געלעגענהייט צו קענען פערזענליך אייניגע פון זיי. דער בר. דענקט, אז די עקזעקוטיווע האט געטהאַן גוטע ארבייט דיעזען יאהר און וועט וואהרשיינליך טהאָן דאס בעסטע אונטער די אומשטענדען אויך נעקסטען יאהר.

פון דער נאַציאָנאַלער קאָנפערענץ פון סאָציאַליסטישע און ראדיקאלע ארגאַניזאַציאָנען — לאַדען איין צוויי פערטרעטער צו דער קאָנפערענץ, וואס וועט אָבגעהאַלטען ווערען דעם 16טען און 17טען פעברואר, צו ערוועהלען דעלעגאַטען צו דער אינטער-אַליאירטער ארבייטער און סאָציאַליסטישער קאָנפערענץ אין לאָנדאָן.

ערוועהלט פריינדע איוועוונסקי און דר. סילווערבערג.

* * *

פר. סילווערמאַן בעריכטעט, אז ער איז געווען פערטראַטען ביי דער קאָנפערענץ פון די „פרויען טרייד יוניאָן ליגע". עס זיינען געווען פערטראַטען כמעט אלע וויכטיגסטע ארבייטער ארגאַניזאַציאָנען. עס זיינען אנגענומען געוואָרען א רייהע רעזאָלוציאָנען ווי צו פערבעסערען די עקאָנאָמישע לאַגע פון דער ארבייטער-פרוי, און עס איז אָנגעדייטעט געוואָרען, אז יעצט, ווען די פרוי איז געוואָרען א גלייכבערעכטיגטער פּאָליטישער בירגער דאַרף די אָרגאַניזירטע ארבייטערשאַפט זעהן, אז די פרויען זאָלען פאר זייער ארבייט קריגען בעצאַהלט גלייך מיט די מענער.

דער בעריכט ווערט גוט געהייסען.

פר. רינערשטיין בעריכטעט, אז פר. דר. סילווערבערג און ער זיינען געווען פערטראַטען ביי ברענטש 23, נוארק. עס איז אויפ'ן פלאַץ קאָלעקטירט געוואָרען 110 דאָלאר פאר'ן 25 טויזענד דאָלאר פאָנד. דער ברענטש האט אויך פערשפּראָכען צו שאַפען די 50 סענטיגע פער מעמבער פאר דעם פאָנד.

ווי עס צייגט זיך ארויס, טהוט ברענטש 23 גלענצענדע ארבייט. דער מיטינג האט אויף זיי געמאַכט זעהר א גוטען איינדרוק.

בעריכט ווערט גוט געהייסען.

פר. צוקער בעריכטעט, אז ער איז געווען פערטראַטען ביי דער אונטערנעהמונג פון ברענטש 280. דער פראָפיט פון דער אונטערנעהמונג, וואס געהט פאר'ן 25 טויזענד דאָלאר פאָנד, וועט זיין אריבער 100 דאָלאר. אויך איז געמאַכט געוואָרען א קאָלעקשאַן פאר דעם פאָנד און דאס האט בעזונדער אריינגעבראַכט עטליכע און פופציג דאָלאַר. — ביי דער געלעגענהייט האָבען זיי אויך אריינגענומען 14 נייע מעמבערס. די אונטערנעהמונג איז אין אלגעמיין געווען זעהר א שעהנע.

בעריכט ווערט גוט געהייסען.

פר. דייווידאָף בעריכטעט, אז דעם 24טען יאַנואַר איז ער געווען פערטראַטען ביי דער ערעפענונג פון בראָנזוויל'ער לייבאָר לייסעאום. עס איז געווען א הערליך שעהנער יום טוב, ביי וועלכער די גאַנצע אָרגאַניזירטע ארבייטערשאַפט פון ניו יאָרק איז געווען פערטראַטען.

בעריכט ווערט גוט געהייסען.

פר. באַסקין בעריכטעט, אז פריינדע זאַלצמאַן, גערשאַנאָף און ער זיינען געווען פערטראַטען ביי דעם יובילעאום באַנקעט פון די געווערקשאַפטען. דאס איז געווען איינער פון די איינדרוקספולסטע באַנקעטען וואס ער האט און ווען עס איז בייגעוואוהנט.

בעריכט ווערט גוט געהייסען.

## רעפּאָרט פון דער ליגעל קאָמיטע.

פריינד דייווידאָף בעריכטעט, אז זיי האָבען זיך דורכגעשריבען מיט דעם ליגעל אַדווייזאָר, מאיר לאָנדאָן, וועגען קריגען אַפּליקיישאַנס פון די אינשורענס קאָמישאָנערס אין די סטייטס, וואו מיר זיינען ניט געטשאַרטערט. מאיר לאָנדאָן האט געענטפערט, אז דער דזשענעראל אָפּיס זאָל אליין בעטען אַפּליקיישאַנס פון די קאָמישאָנערס. דער אָפּיס האט זיך גלייך געווענדעט צו די אינשורענס קאָמישאָנערס פון די סטייטס און פיער פון זיי האָבען שוין צוגעשיקט אַפּליקיישאַנס און ביילאַגעס ווי צו ווערען געטשאַרטערט אין יענע סטייטס. די ליגעל קאָמיטע געהט ווייטער אָן מיט איהר ארבייט.

בעריכט ווערט גוט געהייסען.

## קאָנווענשאַן קאָמיטע רעפּאָרט.

פר. אב. עפּשטיין בעריכטעט, אז אין פּיטסבורג איז אלעס אראַנזשירט געוואָרען פאר דער קומענדער קאָנווענשאַן. עס איז גענומען געוואָרען א גרויסער טהעאַטער פאר דער ערעפענונג, וועלכער וועט זיין דעם 5טען מאי. די פּיטסבורג ברענטשעס האָבען זאָגאר אויסגעארבייט א פּראָגראַם פון פערוויילונגען פאַ-

די דעלעגאַטען אין די אבענדען פון קאַנווענשאַן.

בעריכט ווערט גוט געהייסען.

---

## רעפּאָרט פון סאַניטאַריום רעליעף קאָמיטע.

פר. דינערשטיין בעריכטעט, אַז ביז יעצט זיינען אריינגעקומען פון די ברענטשעס ארום פיער טויזענד דאלאר פאר דעם 25 טויזענד דאלאר פאָנד. אָבער פיעלע שטעדט וועלען ערשט דיעזען מאָנאַט האָבען אונטערנעהמונגען צו העלפען שאַפען דעם פאָנד.

אין מילוואָקי און וואשינגטאָן האָבען די מעמבערס בעשטימט אָבצוגעבען אַ האַלבען טאָג פון זייערע ווייידזשעס, און די געלדער ווערען יעצט ביי זיי קאָלעקטירט.

פילאַדעלפיא האָט געהאט אַ ספּעציעלע קאָנפערענץ וועגען רעליעף אַרבייט, וואו פריינד דייווידאָף און ער זיינען געווען פערטראָטען. די ברענטשעס האָבען דאָרט בעשטימט צו האָבען אַ גרויסען קאָנצערט אין מעטראָפּאָליטען אָפּערא האוז און דערצו האָבען זיי זיך אויף־פערפליכטעט צו קאָלעקטירען צו 50 סענט פער מעמבער פאר דעם 25 טויזענד דאלאר פאָנד.

וואָטערבורי און פּעטערסאָן, נ. דזש., ווילען האָבען ספּעציעלע אונטערנעהמונגען פאר'ן רעליעף פאָנד.

באלטימאָר וועט האָבען אַ „טעג דעי„ צו שאַפען אַ פּאַסענדע סומע פאר אונזער 25 טויזענד דאלאר פאָנד.

נואַרק, נ. דזש., טהוט גלענצענדע אַרבייט. די אָרטיגע ברענטשעס האָבען זיך זעהר ווארים אָבגערופען אויף דעם אַפּיעל פון דער נאַצ. עקזעקוטיווע און זיי וועלען זיכער שאַפען ארום טויזענד דאלאר.

אין ניו יאָרק וועלען דעם 25טען פעברואר געגעבען ווערען צוויי טהעאַטער פאָרשטעלונגען און דער גאַנצער פּראָפיט וועט געהן פאר די מלחמה ליידענדע. מיט איניגע טעג צוריק זיינען ארויסגעשיקט געוואָרען טיקעטס צו די ניו יאָרקער ברענטשעס, וואָס האָבען נאָך ניט גענומען קיין טיקעטס. דיעזע ברענטשעס איז געגעבען געוואָרען צייט אומצוקעהרען די טיקעטס ביז דעם 21טען פעברואר. אויך זיינען ארויסגעשיקט געוואָרען טיקעטס צו אַלע דאָקטוירים וואָס זיינען פערבונדען מיט'ן ארבייטער רינג.

ער ערקלעהרט, אַז פריינד גערשאנאָף איז לעצטענס צוגעצויגען געוואָרען צו דער סאניט. רעליעף קאָמיטע.

בעריכט ווערט גוט געהייסען.

---

## רעפּאָרט פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע.

פריינד צביון, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, בעריכטעט, אַז די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע איז מיט'ן פּראָגראַם פון יאָהר כמעט פארטיג. די ביכער זיינען שוין אין דרוק; גענאָסע גורעוויטש איז יעצט אויפ'ן לעקטשור־טור וואָס איז אראַנזשירט געוואָרען איבער'ן לאַנד; די אַלגעמיינע לעקטשורס, ווי אויך די קורסען פון פאָלקס אוניווערזיטעט אין ניו יאָרק, וועלען זיך אין גיכען אָנפאַנגען.

די איינציגע שוועריגקייט וואָס זיי האָבען איצט איז — די פראַגע וועגען „פריינד“. פריינד צביון ערקלעהרט, אַז דער סעקרעטער פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע, פר. לאַנדאו, האָט רעזיגנירט און די קאָמיטע האָט בעשלאָסען אַנשטעלען אַ מענשען, וואָס זאָל אויספילען ביידע עמטער — רעדאַקטאָר פון „פריינד“ און סעקרעטער פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע. ער זאָגט, אַז די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט געליטען דערפון, וואָס ניט דער רעדאַקטאָר פון „פריינד“, ניט דער סעקרעטער פון דער קאָמיטע האָבען זיך געקענט אָבגעבען אין גאַנצען מיט דער ארבייט, לויט דעם געהאַלט וואָס יעדער איינער פון זיי האָט געקראָגען. זיי גלויבען דארום, אַז אויב איין מענש וועט זיך אָבגעבען אין גאַנצען מיט דיעזע ביידע עמטער און זיך אריינלעבען אין ארבייטער רינג, וועט די עדיוקיישאָנאַל ארבייט זיין אַ סך מעהר פרוכטבאַרע און מעהר פּראָדוקטיווע.

פר. צביון רעפּאָרטעט, אַז זיי האָבען לעצטענס גערופען אַ קאָנפערענץ פון די ניו יאָרקער ברענטשעס וועגען גרינדען סאָציאַליסטישע אידישע קינדער שוהלען. ביי דער קאָנפערענץ זיינען געווען פערטראָטען 36 ברענטשעס און אַלע דעלעגאַטען האָבען זיך ארויסגעשפּראָכען צו גונסטען פון גרינדען אַזעלכע שוהלען. די פראַגע איז געווען, ווער עס וועט שטיצען פינאַנציעל דיעזע ארבייט. עס איז פון קאָנפערענץ אָנגענומען געוואָרען אַ בעשלוס ארויסצושיקען צו די ניו יאָרקער ברענטשעס אַ לאָקאַל רעפערענדום וועגען אַ ספּעציעלען טעקס פון 3 אָדער 5 סענט פון אַ מעמבער פער קוואָרטאַל פאר די שוהלען. די קאָנפערענץ האָט ערוועהלט אַ עקזעקוטיווע פון די דעלעגאַטען וואָס זיינען געווען פערטראָטען און זיי האָבען אויסגעארבייט געוויסע פּלענער, ווי די ארבייט אָנצופאַנגען. דער רעפערענדום וועט טאַקע ארויסגעשיקט ווערען אין נאָמען פון דער קאָנפערענץ עקזעקוטיווע.

די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע גלויבט, אַז די שולען וועלען זיין וויכטיג ניט בלויז פאר ניו יאָרק, נאָר אויך אַלס מוסטער פאר'ן גאַנצען לאַנד. זיי דענקען אין אָנפאַנג צו שטיצען די שולען מיט אַ סומע, וואָס וועט מעגליך זיין פאר דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע, אויב די נאַצ. עקזעקוטיווע וועט דערצו צושטימען. די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע פערלאַנגט, אַז די נאַצ. עקזעקוטיווע זאָל אינדאָרסירען דיעזען רעפערענדום וועגען קינדער שולען.

פר. צביון ערקלעהרט, אַז די „פרייע אידישע פאָלקס ביהנע“, בר. 555, טהוט זעלטען גוטע ארבייט: זיי בעזאָרגען קרעפטע פאר אַלע ברענטשעס וואָס ווענדען זיך צו דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע.

דער ארבייטער רינג כאָר איז די לעצטע צייט געוואָרען פּאָפּולער. זיי שיקען גרופּען פון כאָר ניט נאָר צו אונטערנעהמונגען פון ניו יאָרקער ברענטשעס, נאָר אויך אין ברענטשעס פון פיעלע ארומיגע שטעדט.

* * *

די פראַגע וועגען רעפערענדום אין בעצוג די קינדער שולען רופט ארויס אַ קורצע דעבאַטע.

דער טשערמאַן, פר. אב. עפּשטיין, רולט, דאָס אַזוי ווי די לעצטע קאָנווענשאָן האָט אויסגעדריקט אַ וואונש צו גרינדען סאָציאַליסטישע אידישע קינדער שולען, קען די נאַצ. עקזעקוטיווע אינדאָרסירען דיעזען רעפערענדום.

די רולינג פון טשערמאַן ווערט אונטערשטיצט פון דער עקזעקוטיווע.

דער רעפּאָרט פון. דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע ווערט דאַן גוט געהייסען.

---

## סעקרעטערים רעפּאָרט.

פר. באַסקין, דזשענעראַל סעקרעטער, בעריכטעט, אַז די אַרבייט פון די ברענטשעס איבער'ן לאַנד צו העלפען שאַפען דעם 25 טויזענד דאלאר פאָנד געהט אָן זעהר לעבעדיג. דער אָפּיס העלפט אַלעמען, וויפיעל עס איז נאָר מעגליך.

ברענטש 4 האָט פערלאַנגט, אַז מען זאָל זייער ברענטש רעכענען אַלס איינעם פון די גרינדער פון ארבייטער רינג, פונקט ווי ברענטש 1, 2 און 3. די אָפּיס קאָמיטע וועט וועגען דעם רעפּאָרטען.

פר. באַסקין ערקלעהרט, אַז כמעט די גאַנצע ארבייט פאר די איינפיהרונג פון פּראָטוירנאַל רייטס איז שוין פערטיג און די עקסטרא העלפּ, וואָס איז אָנגעשטעלט געוואָרען ארויסצוהעלפען ביי דער אַרבייט, וועט וואהרשיינליך נעקסטע וואָך אוועקגעשיקט ווערען.

ער בעריכטעט, אַז די דורכשניטליכע עלטער פון אונזער מעמבערשיפּ איז געשטיגען אויף אַ האַלב יאהר — לעצטען יאָהר איז די דורכשניטליכע עלטער געווען 31.5, דיעזען יאָהר איז די דורכשניטליכע עלטער 32.

טויטען פעלע איז דיעזען יאָהר געווען 180, פונקט אזוי פיעל, ווי לעצטען יאָהר. אזוי ווי אונזער מיטגליעדערשאַפט איז אין פערלויף פון יאָהר פערגרעסערט געוואָרען, הייסט עס, אַז פּראָפּאָרציאָנעל איז די צאָהל פון טויטען פעלע פערקלענערט געוואָרען.

דער אינשורענס קאָמישאַנער פון ניו יאָרק סטייט האָט אָנגעפרעגט צו מען וועט די נייע מעמבערס רעכענען לויט פּראָטוירנאַל רייטס. פר. באַסקין האָט געענטפערט דעם קאָמישאַנער, אַז דער ארבייטער רינג האָט אנגענומען פּראָטוירנאַל רייטס פאַר אַלע מעמבערס און די סיסטעם פון צאָהלונגען וועט איינגעפיהרט ווערען אין פערלויף פון די נעקסטע פיער יאָהר.

ער דייטעט אָן, אַז די אדמיניסטריישאָן אויסגאַבען זיינען לעצטען מאָנאַט געווען עטוואָס מעהר, ווי געוועהנליך צוליעב די עקסטרא העלפּ, דעם מיטינג פון דער נייטשאַנאַל באָארד און דירעקטאָרס, א. ד. ג.

בענעפיט אין לעצטען קווארטאַל אויסגעצאָהלט געוואָרען $36,756.55, מיט אונגעפעהר צוויי־דריי טויזענד דאָלאַר ווע־ניגער, ווי עס ווערט געוועהנליך אויסגעצאָהלט יעדען קווארטאַל.

דער קאָנוועגשאָן פאָנד האָט יעצט א דעפּאָזיט פון $2810.72. פאַר די נעקסטע צוויי קווארטאַלען ביז'ן קאָנוועגשאָן, וועט פאַר דעם פאָנד אריינקומען ארום $14000.00. דאָס הייסט, אַז ביז'ן קאָנוועגשאָן וועט דער קאָנוועגשאָן פאָנד האָבען א סורפּלוס פון אונגעפעהר $12000.00.

ער גיט אָן פאָלגענדע בודזשעט פאַר'ן נעקסטען מאָנאַט:

| | |
|---|---|
| אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע — — — | $ 400.00 |
| סאַנאַטאָריום קאָמיטע — — — — | 7000.00 |
| אדמיניסטריישאָן פאָנד — — — | 3000.00 |
| עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע — — — — | 1000.00 |
| „פריינד פאָנד" — — — — — | 1000.00 |

פר. באַסקין פרעגט ווי צו דרוקען די רעפערענדום באַלאָטס פאַר די דעלעגאַטען צו דער עקזעקוטיוו — צו לויט ברענטשעס אדער „א. ב." פון די נעמען.

ער פרעגט אויך, ווען עס וועט אריין אין קראַפט דער רעפערענדום וועגען שאַפען א פאָנד צו דעקען די דיוס פון די געדרעפטעט, אויב דער רעפערענדום וועט דורכגעהן.

ער דייטעט אָן, אַז מען דאַרף ערוועהלען פערטרעטער צו דער נאָמינייישאָן קאָנפערענץ פאַר די קאַנדידאַטען פון דער קומענדער פערוואַלטונג, וואָס וועט אָבגעהאַלטען ווערען זונטאָג, דעם 17טען פעברואַר, אויך צו דער טעריטאָריאַל קאָנפערענץ וועגען דעלעגאַטען צו דער קאָנוועגשאָן. דיעזע קאָנפערענץ וועט אָבגעהאַלטען ווערען זונטאג, דעם 3טען מערץ.

עס ווערט בעשלאָסען צו דרוקען די רעפערענדום באַלאָטס פאַר די דעלעגאַטען צו דער קומענדער פערוואַלטונג לויט „א. ב." פון די נעמען.

עס ווערט בעשלאָסען, אַז אויב דער רעפערענדום וועגען שאַפען א פאָנד צו דעקען די דיוס פון די געדרעפטעטע וועט דורכגעהן, זאָל ער באַלד אריין אין קראַפט.

דער רעפּאָרט פון סעקרעטער ווערט דאַן גוט געהייסען.

* * *

אַלס פערטרעטער צו דער נאָמינייישאָן קאָנפערענץ פאַר די קאַנדידאַטען פון דער קומענדער פערוואַלטונג ווערען ערוועהלט פריינדע אב. עפּשטיין, דינערשטיין און אַדלער.

אַלס פערטרעטער צו דער טעריטאָריעל קאָנפערענץ וועגען דעלעגאַטען צו דער קאָנוועגשאָן ווערען ערוועהלט פריינדע אב. עפּשטיין, פּערלאָוויץ און וויינשטיין.

אַלס קאָמיטע צו צעהלען דעם רעפערענדום באַלאָט וועגען שאַפען א פאָנד צו דעקען די דיוס פון די געדרעפטעטע וועט ערוועהלט פריינדע ל. ראָטהמאַן און מאַלאָט (פון דער גריעווענס קאָמיטע).

—

עס ווערט בעשלאָסען צו האָבען א פערזאַמלונג פון דעם מיטינג נעקסטען מיטוואָך אבענד.

———

א פאָרטזעצונג פון דעם מיטינג פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע פון ארבייטער רינג ווערט אָבגעהאַלטען מיטוואָך אבענד, דעם 13טען פעברואַר, מיט פר. אב. עפּשטיין אַלס טשערמאַן.

———

## רעפּאָרט פון דער בענעפיט קאָמיטע.

פר. גאָלדינג, טשערמאַן פון דער בענעפיט קאָמיטע, בעריכטעט, אַז א געוויסער מעמבער פון בר. 108 איז געשטאָרבען און נאָך זיין טויט האָט די פאַמיליע געמאָנט די $100 קאָנסאַמפּשאָן. דער ברענטש האָט בעשטעטיגט, אַז דער פערשטאָרבענער האָט ביים לעבען ניט געוואָלט אָבנעהמען די $100, רעכענענדיג, אַז ער וועט זיך מיט דעם געלד שפּעטער קורירען. זיין רעקאָרד צייגט, דאָס ער האָט געקראָגען קראַנקען־בענעפיט אויף קאָנסאַמפּשאָן. די בענעפיט קאָמיטע האָט בעשלאָסען אויסצוצאָהלען די $100 צו דער פאַמיליע פון פערשטאָרבענעם.

בר. 19, סיראַקיוז, האָט אָנגעפרעגט, ווי זיי זאָלען האַנדלען אין פאַל פון זייערען א מעמבער וואָס געפינט זיך אין די קעמפּס און מאָנט בענעפיט. די בענעפיט קאָמיטע האָט געענטפערט, דאָס דער בעטרעפענדער סאָלדאַט זאָל צושטעלען א סטייטמענט פון קעמפּ דאָקטאָר, אַז ער איז געווען קראַנק, וועט די קאָמיטע דאַן וועגען דעם האַנדלען, ווי אין א געוועהנליכען פאַל פון קראַנקען בענעפיט.

צו דער מעדיקאַל אַדווייזאָרי באָארד זיינען צוגעצויגען געוואָרען צוויי נייע דאָקטוירים — דר. היימאָוויץ און דר. באָרסקי. איינער איז אויף דעם פּלאַץ פון פערשטאָרבענעם דר. קאַפּלאַן און דער צווייטער אויפ'ן פּלאַץ פון דר. פּעסקין, וועלכער האָט רעזיגנירט.

פר. גאָלדינג גיט איבער, אַז די דיסטריקט מעדיקאַל עקזאַמינערס האָבען צוגעשיקט שריפטליך א פערלאַנג, דאָס זיי זאָלען קריגען א דאָלאַר פאַר דער אונטערזוכונג פון יעדען נייעם קאַנדידאַט, אַנשטאָט 50 סענט ווי ביז יעצט. די בענעפיט קאָמיטע האָט וועגען דעם געהאַט א קאָנפערענץ מיט פערטרעטער פון די דיסטריקט עקזאַמינערס און פאָלגענדעס איז בעשלאָסען געוואָרען:

אין דזשענעראַל אָפּיס פון ארבייטער רינג זאָל איינגעפיהרט ווערען צוויי מאָל א וואָך מעדיצינישע אונטערזוכונגען פאַר נייע קאַנדידאַטען. צו יעדער אונטערזוכונג וועט פון אָפּיס ארויסגערופען ווערען איינער אָדער צוויי דאָקטוירים, לויט נעקסט אויפ'ן ליסט פון די דיסטריקט עקזאַמינערס. ביי אַזעלכע גרופּען אונטערזוכונגען אין אָפּיס פון ארבייטער רינג אָדער זאָגאַר אין אָפּיס פון דאָקטאָר, זאָל גערעכענט ווערען צו 50 סענט פאַר קאַנדידאַט. אין פאַל איינצעלנע קאַנדידאַטען קומען אין אָפּיס פון אירגענד וועלכען דיסטריקט עקזאַמינער, זאָל פאַר יעדע אונטערזוכונג גערעכענט ווערען א דאָלאַר. דיעזע נייע סיסטעם זאָל איינגעפיהרט ווערען פון דעם 1טען אַפּריל.

דער רעפּאָרט ווערט גוט געהייסען.

———

עס ווערט בעשלאָסען זיך דורכצורעדען מיט אונזער ליגעל אַדווייזער וועגען צאָהלען בענעפיט צו מעמבערס, וואָס געפינען זיך אין קעמפּס.

———

## רעפּאָרט פון דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע.

פריינד דינערשטיין, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, בעריכטעט, אַז די ראָטשעסטער דיסטריקט קאָמיטע סטאַרטעט זיך צו גרינדען א ברענטש אין עלמיירא, ניו יאָרק.

די מעין דיסטריקט קאָמיטע טהוט זעהר גוטע ארבייט אונטער די יעצטיגע אומשטענדען. זיי האָבען לעצטענס געגרינדעט א ברענטש אין קאָטה.

די לאָס־אַנדזשעלעס דיסטריקט קאָמיטע האָלט אין גרינדען דאָרט א נייעם ברענטש. אין אַלגעמיין אָבער האָבען זיך ניט פיעלע שטעדט אָבגערופען אויף דעם קעמפּיין פאַר 10 טויזענד נייע מעמבערס.

די הארטפארד דיסטריקט קאמיטע האט די לעצטע צייט בעזוכט א רייהע ברענטשעס אין פערבינדונג מיט דעם מעמבערשיפ קעמפיין. זיי ערווארטען אויך גוטע רעזולטאטען פון זייער ארבייט צו העלפען שאפען א פאסענדע סומע פאר דעם 25 טויזענד דאלאר פאנד.

די טאראנטא דיסטריקט קאמיטע האט געשריבען זעהר א ווארימען בריעף און אנגערייטעט, אז זיי וועלען זיך אנשטרענגען צו זעהן קריגען אזוי פיעל נייע מעמבערס אין דעם יעצטיגען קאמפיין, וויפיעל עס וועט זיין מעגליך.

זיי האבען אויסגעארבייט א ליסט פון טעריטאריעלע קאנפערענצען צו ערוועהלען דעלעגאטען צום קאנווענשאן. לויט דיעזע קאנפערענצען, דארפען ערוועהלט ווערען 117 דעלעגאטען, אנשטאט 119, ווי עס איז בערעכטיגט די יעצטיגע מעמבערשיפ פון ארבייטער רינג.

די ניו יארק סיטי ארגאניזאציאנס קאמיטע טהוט גוטע ארבייט. זיי רופען ספּעציעל מיטינגען פון ברענטשעס זיך דורכצורעדען מיט זיי וועגען מעמבערשיפ קאמפיין. זיי וועלען אויך רופען מאס־מיטינגען פאר דעם צוועק אין פערשיעדענע טהיילען פון ניו יארק.

בר. 421, איריע, פא., האט זיך פעראייניגט מיט בר. 390. ווייל זיי גלויבען, אז מיט פעראייניגטע קרעפטען וועלען זיי קענען טהאן בעסערע און קאנסטרוקטיווערע ארבייט

פר. זאלצמאן איז געווען פערטראטען ביי בר. 330. ווי ער האט רעפארטעט איז די אונטערנעהמונג זייערע געווען זעהר א שעהנע און זיי האבען אויפ'ן פלאץ געשאפען 25 דאלאר פאר די מלחמה קרבנות.

בר. 548 האט אויף א זעהר אונפריינדליכען אופן אויפגענומען א פערטרעטער פון דער ניו יארקער סיטי ארגאניזאציאנס קאמיטע. די נאצ. ארגאניזאציאנס קאמיטע האט ארויסגערופען פערטרעטער פון ברענטש צו אונטערזוכען די אנגעלעגענהייט. עס איז בעשלאסען געווארען צו שרייבען צום בר. 548, אז די עקזעקוטיווע וועט אין דער צוקונפט ניט דולדען אזעלכע האנדלונגען.

פר. עפשטיין איז געווען פערטראטען ביי דעם יעהרליכען מיטינג פון בר. 330, אויך אין נוארק, נ. דזש., ביי דער קאנפערענץ וועגען ארגאניזאציאנס ארבייט. ער האט גערעדט וועגען מעמבערשיפ קעמפיין און ווארום מיר דארפען צוקריגען נייע מעמבערס, זאגאר אין דער יעצטיגער צייט. פריינד סלאווין, נייישאנאל באארד און דירעקטארס, פון ניו דזשוירזי, האט אבגעגעבען זעהר א ווארימען רעפארט וועגען דער אלגעמיינער טהעטיגקייט פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו קאמיטע. נוארקער ברענטשעס טהוען בכלל זעהר גוטע ארבייט.

פר. וואלאווין איז געווען פערטראטען ביי דעם האדסאן קאונטי דיסטריקט קאנפערענץ. ווי עס איז רעפארטעט געווארען, האט בר. 7 בייגעשטייערט אין פערלויף פון יאהר $200 פאר'ן רעליעף פאנד. עס איז אויסגעדריקט געווארען אונצופריעדענהייט, וואס די עדיוקיישאנאל קאמיטע האט פאר זיי. בעוויליגט בלויז $15.00 פאר עדיוקיישאנאל ארבייט אין זייער דיסטריקט. די קאנפערענץ האט אויסגעדריקט א דאנק צו דער נאצ. עקזעקוטיווע פאר שיקען צו זיי א פערטרעטער.

פריינד מאלאט (פון ברענטש 183) איז געווען פערטראטען ביים ברענטש אין גריוויל, נ. דזש. ער האט זיי בעגריסט אין נאמען פון דער עקזעקוטיווע. עס איז אויפ'ן פלאץ געמאכט געווארען א קאלעקשאן פאר די מלחמה קרבנות, וואס האט אריינגעבראכט עטליכע און פופציג דאלאר.

פר. פערלאווין איז געווען פערטראטען ביים בר. 610, מאנטעסעלא, ניו. יארק, — ביי זייער מיטינג לכבוד דעם ערשטען יעהרליכען עקזיסטענץ. דער ברענטש בעשטעהט פון א קליינע צאהל מיטגליעדער און זיי האבען אויך א בעשרענקט פעלד פאר טהעטיגקייט. ביים מיטינג איז קאלעקטירט געווארען $16.00 פאר די אידישע מלחמה קרבנות.

פר. דינערשטיין ערקלעהרט, אז די נאצ. ארגאניזאציאנס קאמיטע האט בעשלאסען צו בעזוכען איינינע ברענטשעס אין מאנכע שטעדט פון פענסילוויניא און קאנעקטיקוט סטייטס. ברענטשעס וואס זיינען אויף די צוויי לעצטע טורס ניט בעזוכט געווארען.

אויף דעם פערלאנג פון דעם דעטראיט דיסטריקט קאמיטע איז בעשלאסען געווארען צו שיקען א פערטרעטער אין דעטראיט, אום אויפצולעבען דארט די ארגאניזאציאנס ארבייט. מען שרייבט זיך יעצט דורך מיט זיי וועגען א דייט און וועגען די אראנדזשמענטס וואס קענען צוליעב דעם געמאכט ווערען.

בעריכט ווערט גוט געהייסען.

---

## רעפארט פון דער אפיס קאמיטע.

פריינד איוועגסקי, טשערמאן פון דער קאמיטע, בעריכטעט, אז מיט דער איינפיהרונג פון פראטווירנאל רייטס איז די ארבייט אין אפיס פערגרעסערט געווארען. אויף די רעקאמענדיישאן פון פריינד באסקין האט די קאמיטע בעשלאסען אנשטעלען אויף א קורצע צייט א באי ארויסצוהעלפען אין דער מיילינג ארבייט.

בר. 88 האט זיך געווענדעט, אז זייערער א מעמבער קליימט, דאס ער האט זיך אנגעשלאסען אלס מיטגליעד פון 1טען קלאס, נאר ער צאהלט די גאנצע צייט אלס מעמבער פון 2טען קלאס. ער בעט דארום צו טרענספּערירען איהם אין 1טען קלאס, אבוואהל ער איז יעצט עלטער פון 40 יאהר. דער אפיס האט אונטערזוכט די פראגע. עס צייגט זיך ארויס, אז דער בעטרעפענדער איז אריינגענומען געווארען אלס מעמבער צוזאמען מיט נאך אנדערע און לויט דער אלטער סיסטעם פון אפיס איז שווער פעסטצושטעלען, אויב ער איז געווען אן ערשטער אדער צווייטער קלאס מעמבער. אויף דער ליסט, צוזאמען מיט'ן רעסיט פאר אלע מעמבערס, וואס זיינען צוזאמען מיט דעם בעטרעפענדען אריינגענומען געווארען (אין יאהר 1910) איז דא, אז ער האט בעצאהלט אלס צווייטער קלאס מעמבער. די אפּליקיישאן איז אבער געסטעמפּעט אלס ערשטער קלאס און קענטיג קארעגירט געווארען נאכהער אלס צווייטער קלאס. די אפיס קאמיטע האט דארום בעשלאסען צו ערלויבען איהם טרענספּערירט צו ווערען אין ערשטען קלאס, נאר ער זאל איינצאהלען דעם אונטערשיעד אין איינטרעסט געלד.

בר. 4 האט פערלאנגט, אז מען זאל רעכענען צוהן אלטע מעמבערס פון זייער ברענטש לויט די יאהרען, וואס זיי זיינען אריינגעטרעטען אין דער סאסייעטי איידער דער ארבייטער רינג איז געווארען געטשארטערט, אזוי ווי דאס ווערט געטהאן מיט די עלטערע מעמבערס פון בר. 1, 2, 3.

די אפיס קאמיטע האט בעשלאסען רעקאמענדירען צו דער נאציאנאלער עקזעקוטיווע, אז ברענטש 4 זאל פעררעכענט ווערען אלס איינער פון די ערשטע גרינדער פון ארבייטער רינג, פונקט ווי בר. 1, 2, 3.

די רעקאמענדיישאן אין בעצוג ברענטש 4 ווערט אנגענומען און דער בעריכט ווערט גוט געהייסען.

---

## רעפארט פון סאניטאריום קאמיטע.

פריינד גוסקין, דער טשערמאן פון דער קאמיטע, בעריכטעט, אז עס איז אנגעשטעלט געווארען א נייער בוך־קיפּער, ווי אויך א טשיקען־מאן.

עס זיינען געארדערט געווארען זעקס דאזען בלענקעטס און א נייע טייפּרייטינג מאשין.

דריי דאזען טשערס זיינען געקויפט געווארען פאר'ן סאנאטאריום. א דאנק פריינד ל. ראטהמאן, מעמבער פון דער עקזעקוטיווע, וועלכער איז אין פוירניטשור ביזנעס, זיינען די טשערס געקויפט געווארען אויף האלסייל פּרייז

גענ. בערגער, אנגעשטעלטער אין „פארווערטס", איז אינענטגעלטליך ארויסגעפאהרען אין סאנאטאריום און גענומען פּיקטשורס פאר די סטערעאפּטישע בילדער פון סאנאטאריום.

צווישען די פאציענטען און די אנגעשטעלטע הערשען פריינדליכע און הארמאנישע בעציהונגען.

דר. ראזענבערג, דער צייטווייליגער מעדיקאל סופּעראינטענדענט און מענעדזשער, איז זעהר צופריעדענשטעלענד. די

פאציענטען ווערען יעצט מעהר פינקטליך עקזאמינירט, ווי פריהער און קריגען די נויטיגע אויפמערקזאמקייט פון דאקטאר.

די פייערונג פון סאנאטאריום טאג איז פארגעקומען אין סאנאטאריום דעם 9טען פעברואר. דער קאנצערט און ליטעראריישער פראגראם, וואס איז צו רער אנגעלעגענהייט אראנזשירט געווארען, איז געווען א פראכטפאלע. די פייערונג פון סאנאטאריום טאג, די יום־טוב'דיגע שטימונג וואס האט געהערשט, האט ביי די פאציענטען, אזוי גוט ווי ביי די געסט, ארויסגערופען אן אמת'ע בעגייסטערונג און געמאכט אויף אלעמען א טיעפען איינדרוק. צו דיעזען יום טוב זיינען איינגעלאדען געווארען פיער מיטגליעדער פון ארבייטער רינג כאר, מרס. סאלווערבערג (פיאנא), מיסס שווידער (זינגערין), י. ארלער, הלל רזגאף און ה. לאנג.

די עקס־סאנאטאריום סאסייעטי האט פרעזענטירט צוויי רעקארדס פאר'ן סאנאטאריום'ס גראמאפאן

פר. גוסקין ערקלעהרט, אז אין סאנאטאריום איז אלץ יעצט אין בעסטען ארדנונג.

בעריכט ווערט גוט געהייסען.

---

## רעפארט פון דער גריוועגס קאמיטע.

פריינד וויינבלאט, טשערמאן פון דער קאמיטע, בעריכטעט, אז א געוויסער מעמבער פון בר. 586 האט אפעלירט געגען דער ענטשיידונג פון דער נאציאנאלער בענעפיט קאמיטע צוריקצואווייזען זיין בענעפיט אויף דעם גרונד, וואס ער האט אן אפעראציאן אויף אפענדיסיטיס און ער האט אונטערגעשריבען א „וייוואר" געגען אפענדיסיטיס. דער בעטרעפענדער האט ערקלעהרט, אז ווען ער האט זיך אנגעשלאסען אלס מעמבער, האט ער אונטערגעשריבען אייניגע פאפיערען, ער קליימט אבער, אז מען האט איהם ניט געזאגט, אז ער שרייבט אונטער א „וייוואר". ער האט דארום געמיינט, אז מען זאל איהם אויסצאהלען בענעפיט פאר פיער וואכען. די נאצ. בענעפיט קאמיטעט ווידער האט ערקלעהרט, אז שטיצענדיג זיך אויף דעם „וייווער", וואס דער בעטרעפענדער לייקענט ניט, אז עס איז דא דארט זיין אונטערשריפט, האט זי אנדערש ניט געקענט האנדלען, ווי צוריקווייזען די בענעפיט.

די גריוועגס קאמיטע האט נאכהער ארויסגערופען פריינדע סילווערמאן און פאמעראנץ, וועלכע האבען אינסטאלירט בר. 586, צו הערען וואס זיי האבען צו זאגען וועגען דעם. די בעטרעפענדע האבען ערקלעהרט, אז ווען זיי זיינען געווען אין דער סיטי קאמיטע, פלעגען זיי שטענדיג אויפמערקזאם מאכען דעם קאנדידאט אויף דעם „וייוועד", אויב מען האט אזעלכען, לויט די רעקאמענדיישאן פון דאקטאר, געדארפט נעהמען. זיי האבען צוגעגעבען, אז ביי זיי קומט אוים קאמיש די טענות פון אפעלאנט, דאס מען האט ביי איהם דעם „וייוועד" אויסגענארט.

די גריוועגס קאמיטע האט דאן גוט געהייסען די האנדלונג פון דער נאציאנאלער בענעפיט קאמיטע.

בעריכט ווערט גוט געהייסען.

---

## טשערמאן'ס רעפארט

פריינד אב. עפשטיין בעריכטעט, אז ביי א מיטינג פון די טשערלייט פון די דעפארטמענט קאמיטעס איז בעשלאסען געווארען צו האבען דעם ערשטען מאנאטליכען מיטינג פון דער עקזעקוטיווע מיטוואך אבענד, דעם 6טען פעברואר, אנשטאט זונטאג, דעם 3טען פעברואר, ווייל דיעזען זונטאג זיינען מאנכע עקזעקוטיוו מיטגליעדער געווען אויסער ניו יארק.

פריינד באסקין האט ביים מיטינג פון די טשערלייט פארגעבראכט דעם פערלאנג פון דער פעדערעיישאן פון די אידישע טשאריטיס צו העלפען זיי קריגען מעמבערס. עס איז אויך געווען א פערלאנג פון די רוסישע ארגאניזאציאנען אין אמעריקא צו זיין פערטראטען ביי זייער קאנפערענץ, וואס איז אבגעהאלטען געווארען דעם 2טען און 3טען פעברואר. די טשערלייט האבען ניט געוואלט נעהמען קיין שטעלונג אין די פראגען און בעשלאסען זיי ברענגען צו דער נאצ. עקזעקוטיווע.

פר. עפשטיין ערקלעהרט, אז ער איז געווען אין סאנאטאריום ביי דער פייערונג פון סאנאטאריום טאג. פריינד גוסקין האט ערעפענט די פערזאמלונג מיט א זעהר פאסענדע רעדע. דער קאנצערט איז געווען העררליך אראנזשירט. די פייערונג פון סאנאטאריום טאג איז געווען אן אמת יום־טוב'דיגע און העכסט צופריעדענשטעלענדע.

ער זאגט, אז דר. ראזענבערג האט געמאכט אויף איהם אן איינדרוק אלס א זעהר גוטער, אפפענהערציגער און עהרליכער מענש. אויך האבען אויף איהם געמאכט א גוטען איינדרוק אלע איבעריגע אנגעשטעלטע, וועלכע זעהען אויס צו זיין טריי און איבערגעבען צום סאנאטאריום און די פאציענטען.

פר. עפשטיין בעדאנקט די עקזעקוטיווע פאר שיקען איהם אהין אלס פערטרעטער.

בעריכט ווערט גוט געהייסען.

פ. געליעבטער, רעק. סעקרעטער.

---

# בעריכט פון דער נייטאנאל באארד און דירעקטארס

## פון זייער ערשטען צוזאמענפאהר.

ניו יארק, דעצ. 28טען, 1917.

דער מיטינג פון דער נאציאנאלער באארד און דירעקטארען ווערט ערעפענט פון פר. י. באסקין, גענ. סעק. פון ארב. רינג, וועלכער, אין א קורצער איינלייטונג, צייגט אן די ווייטערע אויפגאבען פון דעם ארב. רינג נאכדעם ווי די מעמבערשיפ האט מיט אזא גרויסער מאיאריטעט אנגענומען די „פראטעזיאנאל רייטס", און וואס עס דארף אצינד געטהאן ווערען, פארטצוזעטצען דעם וואוקס און פראגרעס פון אונזער בעליעבטען ארדען אין דער צוקונפט. ער ערקלעהרט אויך די נייע דירעקטארען, זייערע פליכטען און אויפגאבען און בעגריסט זיי אין נאמען פון דער נאצ. עקז. און ערקלעהרט זיי אלס אינסטאלירט פאר די יאהרען 19—1918.

ראל־קאל ווערט געמאכט און פאלגענדע 12 דירעקטארען זיינען אנוועזענד:

מ. י. אשפיז, ניו יארק סטייט, בראנטש 410.

ל. מ. דזשאספע, אהייא, בר. 463.

דזש. חלק, ראוד איילאנד, בר. 110.

ה. טייטעלמאן, פענסילווייניא, בר. 265.

ה. יאנאווסקי, קאנעטיקוט, בר. 15.

ב. סלאווין, ניו דזשורזי, בר. 308.

א. סאקאלאף, מערילאנד, בר. 67.

ה. קינבורג, מעין, בר. 317.

ווס. ראזין, ווירדזשיניא, בר. 212.

ווס. ראסקין, וויסקאנסין, בר. 484.

ס. שקלאווין, מישיגען, בר. 156.

ד. שייער, מינעסאטא, 571.

די דירעקטארען פון אילינאיס און פון קענעדע זיינען אבוועזענד:

פר. א. סאקאלאף ווערט ערוועהלט אלס טשערמאן פון דער ערשטער זיצונג און פר. מ. י. אשפיז אלס סעק.

פאָלגענדע טאָגעס־אָרדנונג ווערט דאַן אָנגענומען:

1) פּראָטאָקאָל פון דער פּאָריגער נ. ב.
2) דזשאָינט מיטינג מיט דער גענ. עקז.
3) צושריפטען.
4) עקז. פּראָטאָקאָלען און בעריכט.
5) רעפּאָרט פון די סטענדינג קאָמיטעען.
6) בעשלוסע אויף מעגליכע אַפּיעלס.
7) בעריכט פון די סטייטס.
8) ערוועהלען אַ סאב גריוועגס קאָמיטע.
9) רעפּאָרט און רעקאָמענדיישאָנס צום קאָנווענשאָן.
10) ערוועהלען אַ דעלעגאַט צום קאָנווענשאָן.
11) וואָהל און בעסטען.

פר. י. ישורין, סעק. פון דער פאָריגער נעש. באָארד, בעגריסט די דירעקטאָרען אין נאָמען פון די אַלטע נ. ב. א. ד. אין קורצע שטריכען גיט ער אַ בעלויכטונג איבער דער לאַגע פון דער נ. ב. א. ד. פאַר צוויי יאָהרען — ווען אין אַ. ר. האָט געהערשט אַ קאַמפּף פון צוויי פראַקציאָנען און די אַוועקשיקונג פון דאמאָלסדיגען גענ. סעק. דורך דער „יונגער" עקז. האָט זיי געמאַכט צו נעהמען אַ שטעלונג — צוליעב דעם שטורעם וואָס דיעזע טהאַט האָט אומעדום אַרויסגערופען. מאַנכע האָבען אויסגעדריקט אונצופרידענהייט. די שטעלונג פון דער נ. ב. איז זיי ניט געווען געפעלען, דאָס האָט אָבער אונז ניט אָבגעשראָקען ווייל מיר האָבען דאָס געטהאָן מיט עהרליכע אַבזיכטען פאַר'ן וואָהל און בעסטען פון אַ. ר. אויף דעם וועג, ווי מיר האָבען עס פערשטאַנען.

די קאָנווענשאָן האָט אונזער שטעלונג גוטגעהייסען און גלייך נאָכדעם איז צום ברודער־קריעג געקומען אַן ענדע. אַ נייע עקז. איז אַריין אין אַמט, און זייט דאַן האָט מען גענומען טהאָן קאָנסטרוקטיווע אַרבייט. קיינע רייבונגען זיינען ניט פאָרגעקומען מעהר, ווייל די אַרבייט פון דער נייער עקז. איז געווען זעהר צופרידענשטעלענד. 10 טויזענד נייע מעמבערס זיינען דעם פערגאַנגענעם יאָהר צוגעקומען, און דער אַרב. רינג האָט צוריק גענומען שפּיעלען די ראָלע און געקראָגען דעם מאָראַלישען פרעסטידזש צו וועלכען ער איז בערעכטיגט. אַבוואָהל זיי האָבען מיט דער יעצטיגער עקז. געהאַט איניגע פּרינציפּיעלע שטרייטען פון מיינונגס פערשידענהייט אין בעצוג געוויסע קאָנסטיטוציאָנעלע אויסטייטשונגען: אָבער דיעזעס האָט אויף דאָס מינדעסטע ניט געשטערט אָנצוהאַלטען זייערע פריינדליכע בעציהונגען און רעספּעקט פון איינעם צום צווייטען.

די נאַצ. באָארד האָט זיך דורך דער צייט פערגרעסערט. אַצינד זיינען שוין 14 סטייטס פערטראָטען און די נייע באָארד, וועלכע האָט דעם גליק אַריינצוקומען אין אַ צייט ווען אין אַרב. רינג הערשט פרידען און איניגקייט, דאַרף זעהן אויפצוהאַלטען אויף ווייטער דעם הויכען פרעסטיזש און די ווירדע פון דיעזער קערפּערשאַפט און זיך בעציהען ערנסט צו איהרע אויפגאַבען. אין אַ געוויסען זין איז יעצט אויך אַ קריטישער מאָמענט — צוליעב די נייע איינפיהרונג פון די „רייטס" און די נייע באָארד דאַרף זעהן צו העלפען אַז דער וואוקס פון אַרב. רינג זאָל אויך ווייטער פאָרטגעזעצט ווערען.

פר. ישורין גיט דאַן אָפיציעל איבער די רעקאָרדס און דעם זיגעל פון דער אַלטער נעש. באָארד צו דער נייער, צוזאַמען מיט צוויי צושריפטען. אויך לעזט ער פאָר די פּראָטאָקאָלען פון דער פאָריגער נעש. באָארד פון איהרע זיצונגען פון אָקט. 1917. פערשיעדענע פראַגען ווערען צו איהם געשטעלט, איבער די קאָנסטיטוציאָנעלע אויסטייטשונגען פון דער נעש. באָארד אין בעצוג קאָנסאָמפּשאָן בענעפיט און וועגען אַפּיעלס געגען ענטשיידונגען פון בראַנטשעס, וועלכע ווערען פון פריינד ישורין צופרידענשטעלענד ערקלעהרט און פערענטפערט. די פּראָטאָקאָלען ווערען ג. ג. און אַ דאַנק ווערט אויסגעדריקט צו פר. ישורין.

אַ פאָרשלאַג ווערט געמאַכט צו פעררופען אַ דזשאָינט מיטינג מיט דער גענ. עקז. אויף זונטאָג פריה צו בעשפּרעכען די „רייטס" פראַגע און דעם קעמפּיין פאַר 10,000 נייע מעמבערס ביז צו דער נעכסטער קאָנווענשאָן.

עס ווערט בעשלאָסען דאָס די זיצונגען פון דער נעש. באָארד זאָלען זיך אָנפאַנגען 9.30 פריה ביז 1 נ. מ. און פון 2.30 ביז 5.30 אָבענד. דערמיט ווערט די ערשטע זיצונג געשלאָסען.

## צווייטע זיצונג.

אַלס טשערמאַן — פר. ס. שקלאַווין. עס ווערען פאָרגעלעזען פאָלגענדע צושריפטען:

1) — פון בר. 30. אַפּעלירען דער ענטשיידונג פון דער נאַצ. גר. קאָמ. בעצוגס זייערען אַ מעמבער וועלכען זיי האָבען בעשטראָפט פאַר ניט פאָלגען די אָרדערס פון בראַנטש. דער סעקרעטער פון דער פאָריגער נ. ב., פר. י. ישורין, האָט זיי שוין געענטפערט, דאָס לויט אַרטיקעל 11 פּאַראַגראַף 1 פון אונזער קאָנסטיטושאָן, קאָן די נ. ב. ניט מעהר אויפנעהמען קיינע אַפּיעלס געגען די ענטשיידונגען פון דער גענ. עקז. קאָמיטע.

2) — פון בר. 362. אַפּעלירען געגען דעם בעשלוס פון דער גענ. עקז. דאָס קאָנסאמפּטיווס, וועמעס סאַנאַטאָריום טערמין עס האָט זיך געענדיגט, אָדער וואָלט זיך געענדיגט בעפאָר דעם 17טען יולי 1917 — דער טאָג ווען דער רעפערענדום פאַר עקסטראַ 3 מאָנאַטען סאַנאַטאָריום האָט זיך געשלאָסען, — זיינען ניט בערעכטיגט צו די עקסטראַ 3 מאָנאַטען סאַנאַטאָריום.

בעשלאָסען אָבצולייגען דיזען צושריפט ביז די נ. ב. וועט הערען די ערקלעהרונג פון דער נאַצ. עקז. קאָמ. און איהר ענטשיידונג איבער דיזער פראַגע.

פר. דינערשטיין בעריכטעט דאַן פאַר דער אָרג. קאָמ. וועגען איהר אַרבייט פון די לעצטע 13 מאָנאַטען, ווי פאָלגט:

דער קאמפּיין פאַר נייע 10,000 מעמבערס וועלכען די אָרג. קאָמ. צוזאַמען מיט דער נאַצ. עקז. קאָמ. האָבען אָנגעפאַנגען איז יעצט אין פולען גאַנג. עס איז נאָך נאַטירליך צו פריה צו קענען אָנגעבען בעשטימטע ציפערען אום דערפון צו האָבען וועלכען ניט איז בעגריעף ווי ווייט סוקסעספול דיעזער צווייטער קאַמפּיין פאַר נייע מעמבערס וועט זיין; אָבער פון די רעפּאָרטס וועלכע מיר האָבען שוין ערהאַלטען ציינט עס, אַז עס וועט זיין אַ גרויסער ערפאָלג. צב"ש בר. 367 האָט אַריינגענומען ביי איין מיטינג 20 נייע מעמבערס; בר. 39, 19 נייע מעמבערס א. ז. וו. די בראַנטשעס מאַכען פרייע פאָרשלאַגט געלד. אַנדערע גיבען נאָך דאָקטאָר עקזאַמינוישאָנס אויף די קאָסטען פון בראַנטש א. ד. ג. ער שטעלט זיך אָפּ אויף די שלעכטע בעדינגונגען וועלכע זיינען דער רעזולטאַט פון דער מלחמה. די לעצטע האָט בעשאַפען אַ לאַגע פון אונזיכערהייט. ספּעציעל איז דאָס דער פאַל מיט'ן יונגען עלעמענט וועלכער ערוואַרטעט היינט־מאָרגען גערופען צו ווערען אין דרעפט. דאָס האָט נאַטירליך זיך אָבגערופען אויך אויף'ן אַרב. רינג וועמעס מעמבערשיפּ עס איז עטוואָס אַרונטערגעפאַלען פון דער צאָהל וואָס דער אַרב. רינג האָט פערמאָגט אין דער צייט פון דער לעצטער קאָנווענשאָן. עס פערשטעהט זיך אויך, אַז ביי אַזאַ צייט ליעגט קיינעם ניט אין זינען אַריינצוגעהן אין אָרדענס. דאָס מאַכט דעם קעמפּיין פיעל שוואַכער. דאָך טרייען זיי זייער בעסט צו בעזוכען בראַנטשעס, סיטי און דיסטריקט קאָמיטעען און זיי צו ערמונטערען אַז זיי זאָלען אַרבייטען פלייסיג און מאַכען דעם קאַמפּיין פאַר אַן ערפאָלג. זיי האָבען פאַר דעם צוועק דורכגעפיהרט צוויי טורס: פאַר פר. וואָלאָוויטש און פאַר איהם און אַלע אויסזיכטען זיינען, אַז דער אַ. ר. וועט צוקריגען אַ גרויסע צאָהל נייע מעמבערס. אום אויפצוּוועקען אין די בראַנטשעס מעהר חשק אַריינצוברינגען נייע מעמבערס האָבען זיי בעשלאָסען דאָס די מעמבערס וועלכע וועלען אַריינברינגען אין אַ. ר. 5 נייע מעמבערס, זאָלען פון אָפּיס קריגען אַלס פּרעזענט אַ פאָונטעין פּען.

ער בעריכטעט אויך פון צוויי טראָבעלס וועלכע זיי האָבען געהאַט מיט צוויי בראַנטשעס, איינער פון מיזורי, דער צווייטער פון אינדיאַנאַ. אין ערשטען בראַנטש זיינען 3 מעמבערס טראַנספערירט געוואָרען עט לאַרדזש ווייל זיי זיינען געוועןּ די אורזאַכע פון פייטס ביי די מיטינגען. איין מעמבער האָט דעם אַרב. רינג פערקלאָגט אין קאָורט פאַר טראַנספערירען איהם און האָט פערלאָרען. אין צווייטען בראַנטש האָבען איניגע מעמבערס געשטימט פאַר אַ קאַפּיטאַליסטישען קאַנדידאַט, און דער בראַנטש האָט זיי געפונען שולדיג אָבער קיין שטראָף ניט געגעבען. אַ טהייל מעמבערס האָבען געפייט דיעזען בעשלוס און פר. בענענסאָן, דירעקטאָר פון אילינאָיז, איז אַהין געשיקט געוואָרען. אויף זיין רעקאָמענדיישאָן איז דער בראַנטש צוטהיילט געוואָרען אויף צוויי. די קיים פון די צוויי מעמבערס איז אַפּעלירט געוואָרען צו דער גריוועגס קאָמיטע דערפאַר ווייל דער בראַנטש האָט זיין קיין שטראָף ניט געגעבען, און די לעצטע האָט זיי שטראָפירט מיט 10 דאָלער יעדען.

אין אלגעמיין טרויעט די ארגאניזאציאנס קאמיטע איהר בעסט פאר'ן קאמפיין. זיי האבען קאמיטעס ספעציעל צו אגיטירען פאר'ן א. ר. ביי די יוניאן מיטינגען. זיי האבען א פובליסיטי קאמ. וועמעס ארבייט עס איז צו סטימולירען דיזען קאמפיין דורך פאסענדע ארטיקלען און נייעס אין דער סאציאליסטישער פרעסע. אויף די פערזאמלונגען וועגען ארגאניזאציאנס ארבייט, ווערט אויך אפעלירט צו די מעמבערס צו זאמלען געלד פיר די מלחמה קרבנות און העלפען גוטמאכען די פערפליכטונג פון א. ר. צו שאפען 25,000 דאלאר פאר'ן רעליעף.

נאכדעם ווי איניגע פראגען ווערען געשטעלט פון די דירעקטארען וועגען פערשיעדענע ארגאניזאציאנס ארבייט וועלכע ווערען צופרידענשטעלענד בעאנטווארטעט, ווערט דער בעריכט אנגענומען און די קאמ. בעדאנקט פאר איהר ארבייט.

פר. וויינבלאט בעריכטעט פאר דער גריוועגס קאמיטע ווי פאלגט:

לויט דער נייער קאנסטיטושאן איז ביי אונז צוגענומען געווארען א טייל פון אונזער ארבייט — דער אודיטינג דעפארטמענט, וועלכער איז יעצט אונטער דער אויפזיכט פון דער אפיס קאמ. דאס אבער מיינט ניט אז מיר זיינען ניט ביזי. די גריוועגס אליין, צוזאמען מיט אלע טעכנישע אנגעלעגענהייטען וואס זיינען דערמיט פערבונדען, גיבען דער גריוועגס קאמיטע גענוג ארבייט. ער רעפארטעט דאן פון 12 פערשיעדענע קייסעס וואס זיי האבען דורך די לעצטע 3 מאנאטען געהאט צו ענטשיידען. (די איינצעלהייטען זיינען בעריכטעט אין די עקז. פראטאקאלען).

נאכדעם ווי איניגע פראגען ווערען געשטעלט פון די דירעקטארען צום רעפארט, וועלכע ווערען צופרידענשטעלענד בעאנטווארטעט, ווערט דער בעריכט אנגענומען און די קאמיטע בעדאנקט.

דערמיט ווערט די צווייטע זיצונג געשלאסען.

---

## דריטע זיצונג.

אלס טשערמאן — פר. ב. סלאווין. פר. גוסקין בעריכטעט פון דער סאנאטאריום קאמ. ווי פאלגט:

דער בעשלוס פאר עקסטרא 3 מאנאטען סאנאטאריום האט פערגרעסערט די צאהל פאציענטען. דאס האט דער קאמיטע פערשאפט נים ווייניג זארג. די קאמיטע האט זיך געשטעלט אלס אויפגאבע צו זעהן אז די דיענטס זאלען אויסגעפיקסט ווערען אזוי, אז עס זאל אינעווייניג ניט ארייגרעגנען אדער אריינשנייען. זיי האבען אויך געהאט צו פיקסען אנדערע זאכען פאר די בעקוועמליכקייט פון די פאציענטען. האבען זיי אבער ניט גענוג געלד, ווייל אין בילדינג פאנד איז א דעפיציט. די גרעסערע צאהל פאציענטען האט אויפגעבראכט די פראגע פון פערגרעסערען דעם עס־צימער. דאס האט ניט געקאנט ווערען אבגעריכט, ווייל עס איז ניט געווען גענוג פלאץ צום עסען פאר אלע פאציענטען. זיי האבען דארום די גאנצע אדמיניסטריישאן בילדינג איבערגעפיקסט מאכענדיג דעם פלאץ צום עסען פאר 100 פאציענטען.

זיי פערהאנדלען וועגען אנשטעלען א דענטיסט צו פאהרען פעריאדיש און פיקסען ביי די פאציענטען די ציין. זיי האבען געקויפט א וויקטראלא. גיבען אלע וואך מואווינג פיקטשורס, פאר וועלכען צוועק זיי האבען געקויפט א מאשין. אפט גיבען זיי אויך קאנצערטען. דעם 20טען אקט. האבען זיי געמאכט אן עקסטרא גרויסען קאנצערט צו וועלכען זיי האבען ארויסגעבראכט גענאסע אב. קאהאן, רעדאקטאר פון פארווערטס און י. אדלער. דער ערשטער האט פאר די פאציענטען געהאלטען א לעקטשור און דער צווייטער האט פארגעלעזען פעליעטאנען און הומארעסקען. גענאסע קאהאן האט נאכהער געשריבען 2 ארטיקלען איבער'ן סאנאטאריום, און דאס האט דעם ארב. רינג געגעבען פיינע פובליסיטי.

זיי האבען געזארגט פאר די פאציענטען און עקס־פאציענטען וועלכע זיינען אין דרעפט־עלטער. דורך דער הילף פון דער „אמעריקאן סאסייעטי פאר פרעווענשאן און טובערקולאזיס" ערווארטען זיי צו קריגען עקזעמפשאן פאר אלע וועלכע האבען געליטען אדער לידען פון דיזער קראנקהייט און וועלכע וועלען וועגען דעם מעלדען אין גענ. אפיס.

פר. גוסקין בעקלאגט זיך אויף מאנכע בראנטשעס וועלכע שיקען ארויין זייערע קראנקע און לאזען בעפאר ניט וויסען און שיקען אויך ניט ארויין די קארדס פאר אפרואוואל. מאנכעס מאל ווערט א פאציענט געשיקט בעפאר דער קראנקער איז עקזאמענירט געווארען ביי א פראפעסאר. דאס ברענגט דער סאנ. קאמ. אריין אין עקסטרא עקספענסעס און זיי גיבען נאטיס, אז אין דער צוקונפט וועלען זיי בעשטעהן דאס די בראנטשעס זאלען האנדלען לויט די רולס.

וואס אנבעלאנגט דעם יקרות בעטראכטען זיי א פלאן צו קויפען אלע שפייז ארטיקלען וואס ווערען ניט פערדארבען, פאר א גאנצען יאהר מיט א מאל. קויפענדיג עס אין האלסייל, דענקען זיי, דאס זיי וועלען קענען פיעל שפארען.

פר. גוסקין גיט דאן איבער די פרטים פון זייער נייעסטען סכסוך מיט הר. שוואט. די קאמ. איז ניט געווען צופרידען מיט דעם אגריימענט וואס די אלטע סאנאטאריום קאמ. האט געמאכט מיט איהם ביים אנשטעלען. דער אגרימענט האט פאקטיש צוגענומען פון דער קאמ. דאס רעכט צו האבען א דעה אין סאנאטאריום בעצוג אנגעשטעלטע. ווען די סאנאטאריום קאמיטע האט פאר־א־יאהרען פערלאנגט פון איהם אנצושטעלען א נייע מייטראן, האט ער באלד געסטראשעט צו רעזיגנירען. פונקט אזוי האט אן ארבייטער געקאנט אוועקגעשיקט ווערען און די קאמיטע האט זיך פאר איהם ניט געקאנט אננעהמען. לעצטענס האט אבער פאסירט דאס דר. שוואט האט אנגעשטעלט אלס בוכקיפער א מיידעל וועלכע איז א משפחה צו זיין פרוי. די קאמיטע איז געווען דאגעגען דיעזע בוכקיפערין ווייל זיי האבען געדענקט אז עס וועט אויף די מעמבערשיפ ניט מאכען קיין גוטען איינדרוק. דר. שוואט האט דערפון זיך בעליידיגט און אריינגעשיקט זיין רעזיגניישאן איבער א נייעס. נאטירליך האט ער געדענקט דערמיט דער סאנאטאריום קאמיטע איבערצושרעקען. אבער די קאמיטע האט דיעזען מאל די רעזיגניישאן אנגענומען. אויף זיין פלאץ איז אנגעשטעלט געווארען דר. ראזענבערג, וועלכער האט שוין 12 יאהר עקספיריענס אין בעדפארד סטיישאן. זיי האבען זיך אנפאנגס געשראקען פאר טראבעל פון די פאציענטען; אבער נאכדעם ווי א מיטינג איז מיט זיי געהאלטען געווארען און די גאנצע אנגעלעגענהייט איז פאר זיי ערקלערט געווארען, זיינען זיי איינפערשטאנדען מיט דער שטעלונג פון דער סאנאטאריום קאמיטע, פאר וועלכעס ער דריקט זיי אויס א דאנק פאר זייער אינטעליגענטער ריכטיגער און אונפארטייאישער שטעלונג וואס זיי האבען גענומען צו דיעזער פראגע. ער דריקט אויך אויס א דאנק צו בר. 87 פאר די 5 דאלאר רעקארדס וואס זיי האבען פרעזענטירט, און צו די פריינד דרוישפיעל און קעס פאר די אינזשינירינג ארבייט, וועלכעס זיי האבען געטהאן אונענטגעלטליך אין די אינטערעסען פון סאניטאריום.

עס ווערען געשטעלט פערשיעדענע פראגען, און נאכדעם ווי פר. גוסקין גיט אויף זיי א צופרידענשטעלענדען ענטפער, ווערט דער רעפארט אנגענומען און די קאמיטע בעדאנקט. עס ווערט אויך בעשלאסען דאס די נ. ב. דריקט אויס איהר דאנק צו די פאציענטען פאר זייער גוטער שטעלונג וואס זיי האבען אנגענומען אין דער פראגע פון דאקטארס רעזיגניישאן.

פר. פ. געליעבטער לעזט פאר די פראטאקאלען פון דער נאצ. עקז. קאמ. פאר די מאנאטען אקטאבער און נאוועמבער, און ווערט בעדאנקט.

פר. מ. גאלדינג בעריכטעט דאן פאר דער בענעפיט קאמ. ווי פאלגט:

די ארבייט פון דער בענעפיט קאמ. איז א גאנץ שווערע, אבער אן אונדאנקבארע. ניטא וואס צו רעפארטען. די רוטינע ארבייט איז אלע מאל דאס זעלבע.

די סומע אויסגעצאהלטע קראנקען בענעפיט פאר'ן לעצטען קווארטאל, ווערט בעטרעפען ארום 36,000 דאלאר. לעצטען יאהר איז דעם זעלבען קווארטאל אויסגעצאהלט געווארען ארום 2,000 דאלאר ווייניגער. דער פאנד האט יעדע יאהר א סורפלוס פון ארום 27,000 דאלאר. דער קאנסאמפשאן בענעפיט פאנד האט א סורפלוס פון 39,000 דאלאר.

די קאמיטע האט די לעצטע צייט איינגעפיהרט, דאס ווען א מעמבער עט לארדזש אדער פון א בראנטש אויסער ניו יארק, ווערט קראנק אין ניו יארק, זאל ער אטענדעט ווערען פון איינעם פון דער נאצ. בענעפיט קאמ. פון איין זייט קאנטראלירען זיי, אז די בענעפיט זאל געצאהלט ווערען צו אזעלכע וועלכע זיינען ווירקליך קראנק און די מעמבערס זעלבסט האלטען עס פאר א כבוד און זיי איז זעהר אנגענעהם צו ווערען בעזוכט פון א גענ. אפיסער.

מיט איניגע וואכען צוריק איז פון זיי גערופען געווארען קאנפערענצען פון סעקרעטערע און האספיטעלערס. אויף די קאנפערענצען האבען זיי פארגעלייגט א פלאן, אז דארט וואו עס איז נאר מעגליך, זאל איינגעפיהרט ווערען דיסטריקט האספיטעלער — ד. ה. בעצאהלטע

מענשען וועלכע זאָלען בעזוכען די קראַנקע ביטאָג. די קאָמיטע איז מיט דער מיינונג, דאָס בעזוכענדיג קראַנקע ביטאָג, וואָלט עס בעסער קאָנטראָלירט די אויסצאָהלונגען פון קראַנקען בענעפיט. אָבער דאָס איז פאַר די ברענטשעס אַ נייעס און דערפאַר זיינען זיי פאָרלויפיג געגען. ווען זיי וועלען די פראַגע מעהר פּאָפּולער מאַכען, האָפען זיי אַז עס וועט דאַן אָנגענומען ווערען.

דורך די סיטי און דיסטריקט קאָמיטעען טרייען זיי צו אינוועסטיגייטען די ברענטשעס וועלכע ציהען פּראָפּאָרציאָנעל אַ צו גרויסען בענעפיטס. דאָס נאָכקוקען און אינוועסטיגייטען, גלויבען זיי, העלפט פיעל דאָס די ברענטשעס זאָלען ווערען מעהר פאָרזיכטיג ביים אויסצאָהלען קראַנקען בענעפיט. פאָרלויפיג איז די לאַגע אַזעלכע, אַז וואָלט די קאָמיטע געהאַנדעלט בלויז מיט „דין“ און ניט לויט יושר און מענשליכקייט, וואָלט מען אַ סך סערטיפיקייטס געדאַרפט צוריקוויזען. די צאָהל ברענטשעס וואָס היטען ניט אָפּ די רולס פון אויסמאַכען סיק־סערטיפיקייטס איז אַ זעהר גרויסע, ספּעציעל אין דעם פּרט פון אַריינשיקען די סערטיפיקייטס אין אָפיס ניט שפּעטער ווי אַ מאָנאַט ווי זיי ווערען געפּעסט ביין ברענטש.

פר. גאָלדינג לויבט אויך די אַרבייט פון דער מעדיקעל אַדווייזערי באָארד מיט וועלכער זיי בעראַטען זיך אין פערשיעדענע וויכטיגע פראַגען.

עס ווערען געשטעלט פראַגען בעצוג בענעפיט, וועלכע ווערען ריכטיג בעאַנטוואָרטעט און דער בעריכט ווערט אָנגענומען און די בענעפיט קאָמיטע בעדאַנקט. עס ווערט אויך אין נאָמען פון די נ. ב. אויסגעדריקט אַ דאַנק צו דער מעדיקאַל אַדווייזערי באָארד בעשטעהענד פון די פאָלגענדע 8 דאָקטוירים: דר. אַלפּערן, דר. קליקענקאָ, דר. מעריסאָן, דר. לאַנדאו, דר. נעלסאָן, דר. דעמבא, דר. קאַספּע און דר. קאַפּלאַן.

דער טשערמאַן פאָדערט אויף אַלע דירעקטאָרען זיך אויפצושטעלען אַלס צייכען פון טרויער צו דער עהרע פון ש. י. אַבראַמאָוויטש (מענדעלי מוכר ספרים) און מ. טערמאַן.

דערמיט ווערט די 3־טע זיצונג געשלאָסען.

---

## 4־טע זיצונג.

אַלס טשערמאַן — ד. שייער. גענ. דר. ב. האָפמאַן (צביון) בעריכטעט איבער דער אַרבייט פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע, ווי פאָלגט:

ווען די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט איבערגענומען די אַרבייט, האָט זי געפונען 1700 דאָלאַר דעפּיזיט אין עדיוקיישאָנאַל פאָנד. זיי איז נור געבליבען 2300 דאָלאַר אויף אָנצוגעהן מיט דער אַרבייט. דער דעפּיזיט קריבט זיך שוין פון יאָהרען; איין קאָמ. לאָזט אַ דעפּיזיט פאַר דער צווייטער, און אַזוי געהט עס כסדר.

אויפטהאָן פיעל מיט אַזאַ אונבעדייטענדע סומע איז אונמעגליך. זיי מאַכען אַ לעקטשור טור איבער'ן לאַנד אויף 8 וואָכען. זיי האָבען געוואָלט מאַכען אויף 10 וואָכען, איז ניטאָ גענוג געלד. מען דאַרף אויך געבען לעקטשורס אין ניו יאָרק, אָבער ניו יאָרק האָט 5 בעזונדערע קוואַרטאַלען (מאַנהעטען, האַרלעם, בראָנקס, ברוקלין און בראָנזוויל). וויל מען געבען נור אַ סעריע פון 4 לעקטשורס אין יעדען געגענד, איז דאָס שוין פערבונדען מיט 1000 דאָלאַר עקספּענסעס — כמעט אַ העלפט פון זייער פאָנד.

זיי האָבען אויסצוהאַלטען דעם אַרב. רינג כאָר און דאָס מיינט אויך אַרום 7־8 הונדערט דאָלאַר אַ יאָהר. די קאָמיטע האָט דאַרום געמוזט זיין עקאָנאָמיש און אויסרעכענען יעדען סענט וואָס זיי ספּענדען אויף וועלכע עדיוקיישאָנאַל אַרבייט.

דער שטאַנדפּונקט פון דער קאָמיטע איז געווען פאָרטצוזעצען די גוטע איינריכטונגען פון דער אַלטער קאָמיטע און אין דער זעלבער צייט אונטערנעהמען נייעס.

דיזען יאָהר ווערען פאָרטגעזעצט 3 קורסען פאַר ניו יאָרק: פּאָליטישע עקאָנאָמיע, אידיש און סיוויקס. דיעזע קורסען דאַרפען קאָסטען אַרום 300 דאָלער. פאַר דער קאַונטרי האָבען זיי געמאַכט אַ נייע זאַך: ד ע ר  ג ע ש ר י ב ע נ ע ר  פ אָ ל ק ס  א ו נ י ו ו ע ר ז י ט ע. זיי מאַכען אַ פּראָבע צו געבען געשריבענע לעקטשורס איבער פיזיאָלאָגיע, געאָלאָגיע און פּאָליטישע עקאָנאָמיע. אויף זייער בריעף צו די ברענטשעס האָבען זיך אָבגערופען 300 סובסקרייבער. זיי דענקען מיט דיעזער צאָהל אָנצופאַנגען די געשריבענע קורסען. זיי ווילען דאָס אין יעדען ברענטש זאָל זיך גרינדען אַן עדיוקיישאָנאַל גרופּע, וועלכע זאָלען שטעהן אין ענגע פערבינדונגען מיט דער נאַצ. עד. קאָמ. יעדע לעקטשור זאָל פאָרגעלעזען ווערען און אויב מאַנכע וועלען האָבען פראַגען זאָלען זיי קריגען געשריבענע ענטפערס פון די לעקטשורער.

אויסער די פינאַנציעלע שוועריגקייטען איז אויך אַ מאַנגעל אין אינטעליגענטע קרעפטע. אַ סך זיינען צוריקגעפאָהרען קיין רוסלאַנד, די ווייניגע איבערגעבליבענע זיינען אַלע פערנומען און קיינער וויל ניט אָדער קען ניט ערלויבען זיך צו מאַכען אַ טור. די קאַונטרי קען גאָר קיין בעגריף ניט האָבען ווי שווער עס איז צו קריגען אַ לעקטשורער.

וואָס אַנבעלאַנגט די אַרויסגעבונג פון ביכער, איז פּאַפּיער און אַנדערע מאַטעריאַלען זעהר טייער. אָבער מיר דאַרפען טרייען אַרויסגעבען ביכער פאַר אַ ביליגען פּרייז. דערפון קען שוין די נ. ב. האָבען אַ בעגריף, אין וואָס פאַר אַ לאַגע די עדיוקיישאָנאַל קאָמ. געפינט זיך האָבענדיג אַזוי ווייניג געלד און אַרבייטענדיג אונטער אומשטענדען וואו קריגען אַ לעקטשורער קומט ממש אָן מיט קריעת ים סוף. דער פּרייז פאַר אַ לעקטשור איז טייער, און דאָס מוז מען נאָך עס בעטראַכטען פאַר אַ טובה.

טראָטץ דיזע אַלע שוועריגקייטען, וועט די קאָמיטע דיעזען יאָהר אַרויסגעבען 4 ביכער: 3 ביכער וועלען זיין פון די געשריבענע לעקטשורס, וועלכע וועלען נאָכהער ווערען אָבגעדרוקט: פיזיאָלאָגיע פון דר. מעריסאָן, פּאָליטישע עקאָנאָמיע פון א. ש. זאַקס, געאָלאָגיע פון דר. אַב. קאַספּע און אַ בוך איבער אַסטראָנאָמיע פון צביון — אַ בוך פון אַרום 300 זייטען מיט זעהר רייכע אילוסטראַציאָנען.

וואָס אַנבעלאַנגט די עדיוקיישאָנאַל קאָמ. זעלבסט איז זי דיעזען יאָהר אַ געלונגענע. די קאָמיטע אַטענדעט צו מיטינגען און זוכט צו מאַכען דעם העכסט מעגליכען ערפאָלג.

---

## וועגען „פריינד“.

די לעצטע צייט איז צו מערקען אין „פריינד“ פיעלע אויסבעסערונגען און נייע אינטערעסאַנטע פיטשורס. זיי גיבען זיך די גרעסטע מיה דאָס דער „פריינד“ זאָל ווערען מעהר אינטערעסאַנט. לעצטענס האָט דער רעדאַקטאָר גענ. פּ. קראַנץ רעזיגנירט. די קאָמיטע האָט איהם קיינע אורזאַכען דערצו ניט געגעבען און אויך זיין רעזיגניישאָן ניט געפאָדערט.

בלייבענדיג אָהן אַ רעדאַקטאָר און ניט קענענדיג אַזוי גיך קריגען אַ צווייטען, וועט דער נעכסטער נומער אַרויסגעהן אונטער דער אויפזיכט פון דער קאָמיטע זעלבסט.

די עדיוקיישאָנאַל אַרבייט ליידעט הויפּטזעכליך דערפון, וואָס די אַרבייט ווערט ניט כסדר פאָרטגעזעצט, יעדער נייער קאָמיטע קומט אויס ווידער אָנצופאַנגען פון א"ב. עס פעהלט אין אָפיס אַ פעראַנטוואָרטליכער מענש וועלכער זאָל טהאָן די אַרבייט. אַזאַ מאַן דאַרף אָבער קריגען בעצאָהלט און דאַרויף איז ניטאָ קיין פאָנדס. יעדע קאָמיטע, ניט וויסענדיג וואָס עס האָט געטהאָן די פאָריגע, מוז ווידער אָנפאַנגען פון אָנפאַנג און מאַכט אָפט דורך די זעלבע ערפאַהרונגען און טעות'ן פון דער פאָריגער קאָמיטע, וואָס דאָס וואָלט ניט געשעהען ווען מיר האָבען אין עדיוקיישאָנאַל דעפּאַרטמענט אַ בעצאָהלטען צו טהאָן כסדר די אַרבייט. דער ערפאָלג ווענדעט זיך אָם מעהרסטען אַן סעקרעטער. דערפאַר טראַכטען זיי צו פערבינדען די עדיוקיישאָנאַל אַרבייט מיט דער רעדאַקציאָן פון „פריינד“. זיי זוכען אַ פאַר דעם אַ פּאַסענדען מאַן.

דאָס איז אין אַלגעמיינע שטריכען די אַרבייט פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמ. דיעזען יאָהר.

צום שלוס בעריכטעט גענ. דר. האָפמאַן וועגען די גרינדונג פון אַן אַ. ר. אָרקעסטער. די קאָמיטע פאָדערט דאָס דער אָרקעסטער זאָל ווערען אַ ברענטש פון אַ. ר. ער דענקט דאָס אויך דער כאָר האָט געדאַרפט ווערען אַ ברענטש און אַ טעות איז דאַן געמאַכט געוואָרען. האָבענדיג אַן אָרקעסטער, אַ כאָר און אַ ליטעראַריש־דראַמאַטישען ברענטש, דענקען זיי צו מאַכען אַ ליטעראַריש־מוזיקאַלישע ביוראָ, און מען פּלאַנט צו מאַכען אַ געזעלשאַפטליכען צענטער פאַר זיי אַלעמען.

עס ווערען געשטעלט צו גענ. צביון פערשיעדענע פראַגען וועגען עדיוקיישאָן און וועגען דעם „פריינד“, וועלכע ווערען צופרידענשטעלענד בעאַנטוואָרטעט.

די נ. ב. דריקט אויס אַ דאַנק צו דער עדיוקיישאָנאַל קאָמ. פאַר איהר גוטער אַרבייט, בעזונדערס פאַר די אַרויסגעבונג פון די ביכער.

אַ ספּעציעלער דאַנק ווערט אויך אויסגעדריקט צו גענ. דר. ב. האָפמאַן (צבֿיון) פאַר זיין אינטערעסאַנטען און זעהר געלונגענעם רעפּאָרט.

## רעפּאָרט פון דער אָפיס קאָמיטע.

פר. מ. איוועגסקי בעריכטעט פון דער אָפיס קאָמ. ווי פאָלגט:

דער בעריכט פון דער אָפיס קאָמ. איז אַלע מאָל דער זעלבער, ווייל דער אָפיס פיהרט זיך כסדר דאָס זעלבע זינט די לעצטע פאָר יאָהר. די הויפּט אַרבייט פון דער אָפיס קאָמ. דיעזען יאָהר איז געווען: די פּראָטוירנאַל רייטס פראַגע, אינוועסטמענט פון אַ. ר. געלדער, און אַבטונג געבען אויף'ן אוידיטינג דעפּאַרטמענט.

1) פּראַטוירנאַל רייטס. עס איז ניט נויטיג צו זאָגען מיט וואָס פאַר אַ שוועריגקייטען עס איז פערבונדען פאַר'ן אָפיס דאָס איינפיהרען פון פּראַטוירנאַל רייטס. די ביכער דאַרפען אינגאַנצען איבערגעפיהרט ווערען. עס דאַרפען געפיהרט ווערען מעהר קאָמפּליצירטע אַקאונטס מיט די ברענטשעס א. ז. וו. די קאָמ. האָט אַבטונג געגעבען; דאָס אַלעס זאָל שנעל און פּינקטליך איינגעפיהרט ווערען אום די אָפיס מאַשינערי זאָל רעגעלמעסיג און אַפּ־טו־דייט אַרבייטען.

2) וועגען אינוועסטמענט. דער אַ. ר. האָט זיינע געלדער אינוועסטעד אין סטייט און סיטי באָנדס. דער צושטאַנד אויפ'ן מאַרקעט איז ניט רעגעלמעסיג בנוגע צו באָנדס. מען דאַרף דאַרום זיין פאָרזיכטיג אין קויפען באָנדס אין דער גינסטיגער צייט, ווען פּרייזען זיינען ניט צו הויך. פאַר'ן אַ. ר. איז דאָס אָבער ניט שטענדיג מעגליך אויסצופיהרען. ערשטענס זיינען זיי ניט קיין עקספּערטען און ווייסען ניט גענוי ווען פּרייזען דאַרפען פאַלען אָדער זיך הויבען. צווייטענס קען דער אַ. ר. ניט וואַרטען ביז אַ גינסטיגער צייט: ער מוז קויפען דאַן, ווען ער האָט אַן איבערפלוס אין געלד. זייער בעשלוס איז טאַקע דאַרום געווען ניט צו האַלטען קיין צופיעל געלד אין די באַנק, נאָר צו אינוועסטען זיי אַזוי שנעל ווי מעגליך.

3) דער אוידטינג דעפּאַרטמענט, וועלכער איז יעצט אונטער דער אויפזיכט פון דער אָפיס קאָמיטע, אַרבייט ניט יעצט אַזוי ווי פריהער, דאָס איז צוליעב אַן עקסידענט וואָס האָט געטראָפען צום עלטערען קלוירק און ער מוז אַ לענגערע צייט ליגען צו בעט. די אַרבייט ווערט אַצינד געטהאָן פון דעם אַסיסטענט.

די איינפיהרונג פון פּראַטוירנאַל רייטס מאַכט אַ גרויסע ענדערונג אין די ברענטש אודיטינג און פאַר זיי איז אַ פראַגע צי וועט דער דעפּאַרטמענט קענען אַרבייטען אַזוי ווי ער איז אָהנע איהם צו רעאָרגאַניזירען. פאָרלויפיג קען ער נאָך קיין בעשטימטעס ניט רעפּאָרטען ווייל די, פראַגע איז ביי זיי נאָך ניט ערלעדיגט.

וואָס אַנבעלאַנגט דעם סעקרעטער קען ער איבערגעבען אין נאָמען פון דער קאָמיטע, אַז זי איז מיט זיין אַרבייט צופרידען און דער אָפיס געפינט זיך אין אַ גוטען צושטאַנד.

פערשיעדענע פראַגען ווערען צו פר. איוועגסקי געשטעלט איבער אָפיס אַנגעלעגענהייטען, וועלכע ווערען צופרידענשטעלענד בעאַנטוואָרטעט. דער רעפּאָרט ווערט אָנגענומען און די קאָמיטע ווערט בעדאַנקט.

---

## אַפּיעל פון בר. 600 אַ. ר.

אַ קאָמיטע פון בר. 600 אַ. ר. אַפּעלירען צו דער נ. ב. נאָכאַמאָל איבערצוקוקען דעם בעשלוס פון דער פאָריגער נ. ב. וועגען זייער מעמבער וועלכער האָט זיך געמאָלדען קראַנק אויף קאָנסאַמפּשאָן, 10 טעג בעפאָר ער איז 6 מאָנאַט געווען אַ מעמבער. די קאָמיטע טענה'ט, דאָס די עקז. האָט געהאַט אַ רעכט דיזען מאַן צו רעדזשעקטען און אויב עס איז ניט געטהאָן געוואָרען, וואַרום זאָל דער בעטרעפענדער ליידענדער מוזען צאָהלען אין דעם קאָנסאַמפּשאָן פאָנד פאַר אַנדערע ונעהרענד ער אַליין וועט קיינמאָהל אַזאַ בענעפיט ניט קענען מעהר קריגען? זיי דענקען אַז דער יושר איז אין דיעזען פאַל אויף זייער זייט. בעשלאָסען צו פערהאַנדלען און דעם בעשלוס לאָזען וויסען שריפטליך צום ברענטש.

---

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. עקז. קאָמ.

פר. אב. עפּשטיין בעריכטעט דאַן פון דער ארבייט פון דער נאַצ. עקז. קאָמ. אַלס גאַנצעס.

צום אַלער ערשטען — זאָגט פר. עפּשטיין — וויל איך אויסדריקען אַ הערצליכען ווילקאָמען אין נאָמען פון דער נאַצ. עקז. ער האָפט דאָס אויך מיט דיעזער נ. ב. וועט די עקז. בלייבען אין די זעלבע פריינדליכע בעציהונגען ווי מיט דער פאָריגער. אמת אַז ניט אין אַלעס זיינען זיי געווען איינפערשטאַנדען. פּרינציפּיעלע מיינונגס־פערשיעדענהייטען זיינען אונפערמיידליך, דאָך איז עס אַ נייעס אַז טראָץ דעם זאָלען די קאָמיטעס געבען האַרמאָניש און רעספּעקטירען איינער דעם צווייטען וואָס דאָס איז ליידער ניט געווען דער פאַל אַ פּאָאר יאָהר פריהער.

---

## די ערוועהלונג פון סעקרעטער.

עס איז נאָך ביי אַלעמען פריש אין זכרון דער אַמאָליגער איבעל פון ערוועהלען סעקרעטערע. עס איז געווען אַ צייט ווען די סעקרעטער פראַגע איז געוואָרען אין אַ. ר. די וויכטיגסטע אישו פון טאַגעס אָרדענונג אויף'ן קאָנווענשאָן. עס איז איבריג צו זאָגען וואָס פאַר אַן איבעל אַזאַ פראַגע איז און ווי געפעהרליך דאָס קען זיך אָברופען אויף דעם צושטאַנד פון אַ. ר. עס פרעהט איהם דערפאַר צו בעריכטען דאָס אונז איז געלונגען ארונטערצונעהמען דיעזע אישו פון טאַגעס־אָרדענונג. שוין דעם צווייטען יאָהר ווי אַ סעקרעטער ווערט [illegible] רוהיג, אָהן געפּילדער און אַלע זיינען צופרידען. נאַטירליך איז אין דער עקזעקוטיווע געווען מיינונגס פערשיעדענהייטען, אָבער די געגנער פון סעקרעטער זיינען ניט קיין עקשנים — און אַזוי דאַרפען זיין אינטעליגענטע פערוואַלטער וועלכע מיינען ווירקליך דעם וואָהלזיין פון דעם ארבייטער רינג. זיי רעספּעקטירען שטאַרק די מיינונג פון דער מאַיאָריטעט וועלכע דענקט, אַז אַ סעק. דאַרף זיין אַזאַ, וואָס זאָל זיך ניט האַלטען העכער פון יעדער עקז., נאָר זין פיהרען [illegible] און ווען עס זאָל אָנשטעהן צו נעהמען פון דער עקז. אָרדערס און איהר ניט זוכען צו דיקטירען. אין נאָמען פון דער עקז. בעהויפּטעט ער, דאָס מיט דער וויעדער־ערוועהלונג פון פר. י. באַסקין אַלס גענ. סעק. האָבען זיי געמאַכט דעם בעסטען אויסוואַהל וואָס קען נאָר געבען.

---

## נייע מעמבערס און דער דרעפט.

די פראַגע פון נייע מעמבערס איז צוליעב דער מלחמה געוואָרען אַ שווערע פּראָבלעמע. אונזערע קאַנדידאַטען זיינען מעהרסטענטהייל פון דרעפט עלטער און עס האָט עפּעס געמוזט געטהאָן ווערען, אַז וועהרענד פון איין זייט שטרענגען מיר אָן אונזערע קרעפטען אַריינצונעהמען וואָס מעהר נייע מעמבערס, זאָל אָבער פון צווייטען זייט דער א. ר. דערפון ניט ליידען. עס איז דערפאַר ארויסגעשיקט געוואָרען צום רעפערענדום צו מאַכען אַ בעגרענעצונג, דאָס די פון דרעפט עלטער זאָלען אַריינגענומען ווערען נאָר אין 4טען קלאַס. דאָס איז געווען דער איינציגער מעגליכער מיטעלפּונקט אין דיעזער פראַגע.

זיי האָבען אויך געזאָרגט אַז אונזערע קאַמעראַדען וועלכע ווערען געדרעפטעט, זאָלען ניט ווערען אויסגעשלאָסען פון אַ. ר. אַ רעפערענדום איז אַרויסגעשיקט געוואָרען דאָס זייערע דיוס זאָל געדעקט ווערען פון אַ נאַציאָנאַלען פאָנד. דער פאַקט אַז די מעמבערס האָבען דאָס גוטגעהייסען איז צום קרעדיט פון די סאָלידארישע בעגריפע פון אונזערע מעמבערס, דאָס בעווייזט אַז די מעמבערס פערשטעהען, אַז מיר טאָרען אונזערע חברים ניט פערלאָזען אין זייער נויט.

---

## רעפערענדום וועגען די רייטס.

די מעמבערשיפּ האָט לעצטענס אָנגענומען די צאָהלונגען פון פּראַטוירנאַל קאָנגרעס רייטס מיט אַן אונגעהייער גרויסער מאַיאָריטעט. די מורא'דיגע מאַיאָריטעט איז געווען אַן איבעראַשונג פאַר אַלעמען. דאָס איז געשעהען אַ דאַנק די טיכטיגע אַרבייט פון דער עקז. אַז די „רייטס" זאָלען ענדליך אָנגענומען ווערען. מאַנכע קריטיקירען דער עקזעקוטיווע האַנדלונג און טענה'ן, אַז דאָס איז געגען אונזער קאָנסטיטוציאָן. עס איז נאַקעט אמת, אַז עס איז געגען דער טראַדיציע דאָס אַן עקזעקוטיווע זאָל אַגיטירען נאָכדעם ווי דער רעפערענדום איז אַרויסגעשיקט, אָבער די לעצטע קאָנוועגשאָן האָט דורך אַ רעזאָלוציאָן פערפליכטעט דער עקז. „אָנצונעהמען אַלע נויטיגע מיטלען צו מאַכען דעם אַ. ר. געזעצליך אין די אַלע סטייטס וואו ער איז נאָך ניט געזעצליך", דערפאַר האָבען זיי געפיהלט אַלס זייער פליכט צו אַרבייטען ענערגיש און זעהן, אַז די מעמבערשיפּ זאָל די „רייטס" אָננעהמען. זיי האָבען אויך פעראינטערעסירט אַלע אַלטע מיטגליעדער פון אַ. ר. צו אַרבייטען פאַר די „רייטס".

נאָכדעם ווי די „רייטס" זיינען אָנגענומען געוואָרען, האָבען מענשען פאָרגעשלאָגען, דאָס די איינפיהרונג פון די „רייטס" זאָל אָבגעלייגט ווערען. די עקז. איז אָבער דורך דער זעלבער רעזאָלוציאָן געווען פערפליכטעט די „רייטס" זאָפאָרט איינצופיהרען. דער אַ. ר. וועט פון דיעזער רעפאָרמע פיעל געווינען. עס עפענען זיך פאַר איהם יעצט נייע מעגליכקייטען. מיר קענען יעצט דרייסט זאָגען דאָס דער אַ. ר. איז יעצט דער אַבסאָלוט זיכערסטער אָרדען.

## מעמבערשיפּ קאמפּיין און רעליעף.

דער א. ר. האָט יעצט אָנגעפאַנגען אַ קעמפּיין פאַר 10,000 נייע מיטגליעדער און האָט זיך אויך פערפליכטעט צו שאַפען 25000 דאָלאַר פאַר די מלחמה קרבנות. ביידע קאמפּיינס דאַרפען געפיהרט ווערען פּאַראַלעל. עס איז אַ ריעזיגע אויפגאַבע; אָבער דער אַ. ר. וועט דערפון געווינען פיעל קרעדיט און פּרעסטיזש. עס איז אַן אויפגאַבע וואָס די עקז. אַליין קען דאָס ניט דורכפיהרען — זיי קאָנען ניט גרייכען אַלע מעמבערס און דערפאַר דאַרף זיין די פליכט פון דער נ. ב. צו העלפען אין דיעזער נאָבעלער און וויכטיגער אַרבייט.

דער קאמפּיין פאַר נייע מעמבערס איז לעצטען יאָהר געוועזען אַ סוקסעס. אַריבער 9000 נייע מעמבערס זיינען אין אַ. ר. צוגעקומען. דאָס צייגט אַז אונזערע סקעפּטיקער זיינען ניט גערעכט און דאָס דורך ענערגיע און אָנשטרענגונג קענען געעפענט ווערען נייע מעגליכקייטען צו פערגרעסערען דעם אַ. ר. דאָס זעלבע איז היינט; זאָגאַר דיעזען יאָהר אָבוואָהל די צייט איז וועניגער גינסטיג איז נאָך אַלץ דאָ אַ גרויסער קוואַל, פון וואַנען צו נעהמען נייע רעקרוטען פאַר׳ן אַ. ר.

די מלחמה האָט דעם אַ. ר. געמאַכט צו פערלירען אַרום 1500 מעמבערס פון דער צאָהל וואָס ער האָט געהאַט צו דער לעצטער קאָנווענשאָן, אָבער מיר מוזען געהן אימער פאָרווערטס און קיינמאָל צוריק און מיר ערוואַרטען דאָס דער יעצטיגער קאַמפּיין וועלכער האָט זיך אָנגעפאַנגען אַזוי שעהן, וועט אונז ברייגגען דעם זעלבען ערפאָלג ווי דער קאמפּיין פון פאַר־אַ־יאָהרען.

פּונקט אַזוי מוזען מיר מאַכען פאַר אַן ערפאָלג דעם רעליעף־טאָג. לעצטען יאָהר האָט דער אַ. ר. געזאַמעלט 26000 דאָלאַר פאַר די מלחמה קרבנות. אַצינד איז דער עלענד גרעסער און הילפע נויטיגער נאָך ווי פאַר־אַ־יאָהרען. פר. עפּשטיין אַפּעלירט צו די דירעקטאָרען צו זעהן דאָס די קאונטרי זאָל זיך נעהמען צו דער אַרבייט פּונקט ווי ניו יאָרק, וועלכע האָט זיך פערפליכטעט דאָס יעדער ברענטש זאָל זעהן שאַפען אַ סומע 50 סענט פער מעמבער.

---

## געזעלשאַפטליכע אַרבייט.

די היו־יאָהריגע עקז. זעצט פאָרט די פּאָליסי פון דער פאַר־אַ־יאָהריגער עקזעקוטיווע צו נעהמען אַנטהייל אין אַלע ראַדיקאַלע געזעלשאַפטליכע ערשיינונגען: זיי האָבען אַנטהייל גענומען אין דעם קאַמפּף פאַר די 5 אַרעסטירטע אַרבייטער פיהרער פון סאַן פראַנציסקא; האָבען גענומען אַ טיכטיגען אַנטהייל אין קאמפּיין פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי; שאַפען געלדער פאַר סטרייקער און נעהמען אַנטהייל אין פּיפּעלס רעליעף. זיי האָבען אויך געהאַט אַ מעמאָריאַל מיטינג נאָך מ. טערמאַן.

---

## וועגען מאַססאַטשוזעטס.

דורך די איינפיהרונג פון „פּראַטוירנאַל קאָנגרעס רייטס" האָפען מיר אַז דער אַ. ר. וועט קענען זיין געזעצליך געטשאַרטערט אין מאַסאַטשוזעטס אין אַ זעהר קורצע צייט. דאָרט איז אַצינד פאַראַן צוויי אָרדענס אָן מיט איינעם פון זיי וועלען מיר וואַהרשיינליך האָבען שוועריגקייטען. אָבער מיר זיינען זיכער אַז מיר וועלען די זאַך גאַנץ שנעל אויסקעמפּפען. דערצו איז אָבער נויטיג צו שאַפען אַ שטאַרקען מאָראַלישען דרוק, אַז די מעמבערשיפּ פון יענעם אָרדען זאָל קענען קומען צום וואָרט און איהר ווילען זאָל ניט אונטערדריקט ווערען.

מיר זיינען גערעכט אין אונזער קאַמפּף פאַר איין אַ. ר. אין אַמעריקא און גאַנץ גיך וועלען מיר איהם האָבען אין דער ווירקליכקייט.

---

## פּובליסיטי.

די עקז. האָט ערוועהלט אַ 3־ער קאָמיטע פאַר פּובליסיטי פאַר׳ן אַ. ר. די הויפּט אויפגאַבע פון דער קאָמיטע איז צו זעהן דאָס אין די צייטונגען זאָלען אָפט ערשיינען אַרטיקלען וועגען אַ. ר. פון אַן אינפאָרמירענדען כאַראַקטער. דאָס איז כדי צו מאַכען דעם אַ. ר. פּאָפּולער אין יענע קרייזען וואו מען איז נאָך אַלץ מיסאינפאָרמירט וועגען זיין כאַראַקטער. אָבוואָהל דיעזען יאָהר איז עס פיעל שווערער דורכצופיהרען דיעזע אַרבייט. דאָך טרייעט די קאָמיטע איהר בעסט, צו זעהן ווי וואַיט מעגליך אַז די פּובליסיטי פון אַ. ר. זאָל ניט פערנאַכלעסיגט ווערען.

פר. עפּשטיין בעקלאָגט זיך אויף דער פערוואַלטונגס פאָרם, וועלכעס שטערט זעהר אין דער אַרבייט. ער צייגט אָן איינציגע ביישפּיעלע וואו איינצעלנע קאָמיטעס האָבען ניט רעפּאָרטעט וועגען זאַכען און בעשליסע פון דער עקז. זיינען דורך דעם געוואָרען איגנאָרירט. אין אַלגעמיין אַרבייט אָבער די עקז. האַרמאָניש און פערהאַלטען זיך מיט רעספּעקט איינער צום צווייטען און דאַרום אַרבייט די עקז. ערפאָלגרייך טראָץ די ניט ריכטיגע פערוואַלטונגס פאָרם.

עס ווערען געשטעלט איניגע פראַגען צום בעריכט וועגען פערשיעדענע עקז. אַנגעלעגענהייטען וועלכע ווערען צופריעדענשטעלענד פערענטפערט. די נאַצ. עקז. קאָמ. ווערט פון דער נ. ב. א. ד. בעדאַנקט פאַר איהר אַרבייט. אַ ספּעציעלער דאַנק ווערט אויסגעדריקט צו פר. עפּשטיין פאַר׳ן אויסגעצייכנעטען רעפּאָרט.

---

עס ווערען פערהאַנדעלט די אַפּיעלס פון בר. 600 און פון בר. 362.

1) אין דער פראַגע פון איבערקוקען די ענטשיידונג פון דער פאָריגער נ. ב. בעצוג די קאָנסאַמפּשאָן בענעפיט פון אַ מעמבער פון בר. 600 וועלכער האָט זיך געמאָלדען קאָנסאַמפּטיוו בעפאָר 6 מאָנאַטען, בעשליסט די נ. ב. דאָס מיר קענען ניט אויפנעהמען קיינע פראַגען וועלכע זיינען שוין ענטשיעדען געוואָרען ביי דער פאָריגער נ. ב. א. ד.

2) וועגען דעם אַפּיעל פון בר. 362 ערקלעהרט פר. עפּשטיין, אַז אַזוי איז געוועזען די רולינג פון טשערמאַן פון יענער זיצונג פון קאָנווענשאָן ווען די 3 עקסטראַ מאָנאַטען איז אָנגענומען געוואָרען: דאָס צו די עקסטראַ 3 מאָנאַטען זאָלען זיין בערעכטיגט נאָר די וועלכע וועלען זיך געפינען אויף די גראַונדס פון סאַנאַטאָריום דעם טאָג ווען דער רעפערענדום וועט ווערען אָנגענומען.. די עקז. קאָמיטע איז געגאַנגען נאָך ווייטער און האָט בעשלאָסען דאָס אפילו די וועלכע זיינען אַרויס פון סאַנאַטאָריום בעפאָר 6 מאָנאַטען, אָבער אויב ווען זיי וואָלטען פערבליבען אין סאַנאַטאָריום וואָלט זיך זייער צייט נאָך ניט געווען געענדיגט דעם טאָג ווען דער רעפערענדום איז אָנגענומען געוואָרען, זאָלען זיי אויך זיין בערעכטיגט צו די עקסטראַ 3 מאָנאַטען סאַנאַטאָריום.

נאָך אַ קורצע דיסקוסיאָן, ווערט מיט 7 שטימען געגען 3 גוטגעהייסען די ענטשיידונג פון דער נאַצ. עקז. קאָמ.

בעשלאָסען דאָס דער סעקר. זאָל ווערען אינסטרואירט אויפצושרייבען אַ פּאַסענדע טרויער־רעזאָלוציאָן נאָך ש. י. אַבראַמאָוויטש (מענדעלי מוכר ספרים) און מ. טערמאַן, און דאָס אַריינגעבען אין דער פּרעסע. דערמיט ווערט די 4טע זיצונג געשלאָסען.

---

(די 5־טע זיצונג איז געוועזען אַ דזשאָינט מיטינג צוזאַמען מיט דער נאַצ. עקז. דער פּראָטאָקאָל וועט געדרוקט ווערען צו ענדע.)

---

## 6־טע זיצונג.

אַלס טשערמאַן — פר. ה. טייטעלמאַן. דער גענ. סעקר. פר. י. באַסקין גיט אָפּ דעם סעקרעטער׳ס רעפּאָרט, ווי פאָלגט:

די איינפיהרונג פון פראַטוירנאַל קאָנגרעס רייטס, מאַכט אַ גרויסע ענדערונג אין דער לאַגע פון אַ. ר. וועלכע ווערט דורך דעם אויס „גהעטאָ" אָרדען. אונזער עקטשוערי ערקלעהרט, אַז אויסער מאַסס. קענען מיר שוין קריגען לעגאַליטי אין אַלע אַנדערע סטייטס.

די רייט טייבעלס זיינען אויסגעאַרבייט לויט דעם וואַלואייישאָן פון 1915 און עס איז אַ פראַגע צי איז עס נאָך יעצט אין 1917 אויך גוט? ווייל מיר זיינען דאָך עלטער געוואָרען מיט צוויי יאָהר. אָבער דאָס קענען מיר פאָרלויפיג ניט וויסען ווייל דערצו איז נויטיג צו האָבען דעם וואַלואייישאָן פון 1917 וועלכער איז נאָך ניט פאַרטיג.

וואָס אַנבעלאַנגט די פּראָספּעקטס, זיינען זיי, לויט זיין מיינונג זעהר גלענצענדע פאַר׳ן אַ. ר. די העכערונג אין די צאָהלונגען פאַר׳ן אינגערען עלעמענט זיינען אונבעדייטענד און דער געווינס וואָס מיר בעקומען דורך דעם וואָס מיר דאַרפען שוין מעהר ניט זאָגען אַז דער אַ. ר. איז זיכערעד ווי אַנדערע אָרדענס, נור אַז ער איז אַבסאָלוט זיכער, וועט דורך די ענערגישע ריכטיגע אַרבייט אונז ברייגגען גוטע רעזולטאַטען.

דורך דעם וואָס דער אַ. ר. ווערט יעצט געזעצליך אין אַלע סטייטס, וועט מעגליך זיין נויטיג צו פערגרעסערען די מאַכט און די רעכטע פון דער נ. ב. וועלכע איז ביז יעצט נור געוועזען אַן אָרנאַמענט (ציערונג).

וואָס אָנבעלאַנגט די טעכנישע זייט, איז דער אָפיס געבראַכט געוואָרען אין מאָושאַן צו מאַכען אַלעס פערטיג שנעל און פּינקטליך. דערביי איז אויך געזאָרגט געוואָרען צו מאַכען אַלערליי פערבעסע־

רונג פאַר די ברענטש סעקרעטערע אום זיי זאָלען ניט מאַכען קיינע טעות'ן. מיט איין וואָרט: די רעפאָרמע וועט ווערען דורכגעפיהרט רוהיג, שנעל און גוט.

---

## די פאָנדס און דער פערמעגען פון אַ. ר.

דער פערמעגען פון אַ. ר. בעטרעפט שוין יעצט אַרום 850,000 דאָלאַר, — אַ צווואוקס פון אַריבער 100,000 דאָלאַר פאַר'ן יאָהר 1917. די צאָהל געשטאָרבענע וועט דיעזען יאָהר זיין עטוואָס מעהר ווי לעצטען יאָהר. בערעכענט מען אָבער דאָס די מעמבערשיפּ האָט זיך דעם יאָהר פערגרעסערט וועט דאַן אויסקומען דאָס אין פּראָפּאָרציע צו די מעמבערשיפּ האָט זיך די טויטען־רייט דיעזען יאָהר פערקלענערט.

מיט דער אויסנאַהמע פון קאָנווענשאָן פאָנד, וואו מיר האָבען אַ דעפיציט צוליעב דער לעצטער עקסטראָאָרדינערי קאָנווענשאָן, זיינען אַלע אַנדערע פאָנדס אין אַ גלענצענדען צושטאַנד. דעם גרעסטען סורפּלוס האָט דער קאָנסאַמפּשאָן פאָנד. דאָ איז ווערט זיך אַריינצוטראַכטען איבער דעם גרויסען אונרעכט וואָס ווערט בעגאַנגען צו די קאָנסאמפּטיווס וועלכע קענען ניט אַריינגענומען ווערען אין סאַנאַטאָריום. די וועלכע קריגען סאַנאַטאָריום קריגען אַ בענעפיט אַמווייניגסטענס אין ווערטה פון 500 דאָלאַר (אויב מען זאָל דאָס אָבשאַצען אין געלד) און די וועלכע זיינען שוין אַדוואַנסט — וואָס אַזעלכע נעהמט מען ניט אַריין אין סאַנאַטאָריום — קריגען נור 100 דאָלאַר, אָבוואָהל זיי געפינען זיך אין אַ פיעל ערגערע לאַגע. מען וואָלט דאַרום געדאַרפט רעוויזען די קאָנסאַמפּשאָן בענעפיט מיט 50 אָדער 100 דאָלאַר מעהר. אין פאָנד איז אַ גרויסער סורפּלוס — אַרום 39000 דאָלאַר, און די דיוס וועלען דורך דעם ניט דאַרפען גערייזט ווערען.

וואָס אַנבעלאַנגט דעם סאַנאַטאָריום אויפהאַלטונגס פאָנד, ערוואַרטעט ער דאָס עס זאָל זיין אַ דעפיציט, אויב דער יקרות וועט לאַנג אָנהאַלטען. די אויסגאַבען האָבען זיך איינפאַך פערדאָפּעלט פון 4000 דאָלאַר אַ מאָנאַט פאַר־אַ־יאָהרען האַלט עס שוין היינט נאָהענט צו 8000 דאָלאַר אַ מאָנאַט. דערצו וועט עפּעס מוזען געטהאָן ווערען.

דער דעפיציט אין עדיוקיישאָנאַל פאָנד, וואָס געג. צביון האָט בעריכטעט, איז געקומען דערפון, וואָס מען האָט שלעכט איינגעטהיילט די אַסעסמענט און אַזוי נאָך האָט מען קאָלעקטעט ווייניגער ווי די סומע וועלכע פלעגט יעדען יאָהר בעוויליגט ווערען אויף עדיוקיישאָן. אַצינד איז דאָס געפיקסט געוואָרען און די קאָלעקשאָנס זיינען יעצט ריכטיג.

אין „פריינד" פאָנד איז פון 900 דאָלאַר דעפיציט לעצטען יאָהר, אַצינד דאָ אַ סורפּלוס פון 1500 דאָלאַר. אַ דאַנק קומט דעם „פאָרווערטס" דורך וועמעס הילפע מיר שפּאָרען יעצט פיעל אין פּאַפּיער. אפילו אין אַדמיניסטריישאָן פאָנד איז אויך יעצט דאָ אַ סורפּלוס.

עס וואָלט נויטיג געווען צו מאַכען אַ ראַדיקאַלע ענדערונג אין דער פאָרמע פון אונזער אָרגאַניזאַציאָנס אַרבייט. ווי דאָס ווערט אַצינד געטהאָן איז דאָס צו אַלטמאָדיש. אויף סיטי קאָמיטעען קען מען זיך ניט אין גאַנצען פערלאָזען. דער פּערזאָנאַל בייט זיך אָפט און מעהסטענטיילס זיינען זיי ניט די ריכטיגע מענשען אַם פּלאַץ. עס איז נויטיג פעסטצושטעלען דעם געדאַנק פון בעצאָהלטע אָרגאַניזערס. די היי־יאָהריגע עקז. האָט אמת שוין אָנגעפאַנגען אַרויסצושיקען מענשען אויף אָרגאַניזאַציאָנס טורען, אָבער מען מוז געהן נאָך ווייטער און אָנשטעלען אַ פּערמאַנענטען אָרגאַנייזער.

ווי עס איז יעצט, האָבען מיר אַ פאָנד פון 4000 דאָלאַר, און דאָס דאַרף צוטהיילט ווערען צווישען 35 סיטי קאָמיטעען און דאָס מאַכט אַז מען דאַרף זיך רייסען און דינגען פאַר יעדען סענט. אונטער אַזעלכע אונגינסטיגע אומשטענדען איז עס ווירקליך אַ וואונדער ווי אַזוי די אַרבייט ווערט נאָך אַלעמען דורכגעפיהרט.

וואָס אַנבעלאַנגט זיין אַרבייט אַלס סעק. וויל ער דערמאָהנען, אַז עס זיינען צוגעקומען — דורך דער צייט וואָס ער איז סעקר. — אַרום 70 ברענטשעס און אַרום 13,000 מיטגליעדער, און אויב נאָך אַלעמען קומט ער אויל מיט אַ קלענערען אָפּיס סטעף, מיט ווייניגער אויסגאַבען און אָהן אַן אַסיסטענט סעקרעטער, דאָך ווערט דער אָפּיס גרויסאַרטיג געפיהרט און יעדע זאַך ווערט פּינקטליך אַטענדעט, דאַן מוז יעדערער צוגעבען, אַז דאָס הייסט געמאַכט אַ רעקאָרד.

דאָס איז אין קורצע שטריכען דער אַלגעמיינער רעפּאָרט פון דעם צושטאַנד אין אָפּיס.

נאָכדעם ווי פר. באַסקין ענטפערט אויף איינינע פראַגען, ווערט בעשלאָסען איהם צו בעדאַנקען פאַר'ן גוטען אויספיהרליכען און צופרידענשטעלענדען רעפּאָרט.

---

## בעשליסע און רעקאָמענדיישאָנס.

פר. שייער שלאָגט פאָר אין נאָמען פון זיין דיסט. קאָמ. אַז מיר זאָלען רעקאָמענדירען צום קאָנווענשאָן, אַז דער אַ. ר. זאָל אינוועסטען זיינע געלד אין ערשטע מאָרטגעדזשעס פאַר לייבאָר לייסעאומס. דער גענ. סעק. פר. באַסקין ערקלעהרט, אַז דער אינשורענס קאָמישאָנער וועט דאָס ניט ערלויבען ווייל מיר קענען נור אינוועסטען אין גאַראַנטירטע ערשטע מאָרטגעדזשעס. בעשלאָסען דיעזע ערקלעהרונג צו געבען דער בעטרעפענדער דיסטריקט קאָמיטע.

פר. שייער שלאָגט פאָר דאָס מיר זאָלען רעקאָמענדירען דאָס דער קאָנסאַמפּשאָן בענעפיט זאָל געהעכערט ווערען און אויף'ן רעפערענדום זאָל שטעהן 150 און 200 דאָלאַר, ד. ה. אַז די מעמבערס זאָלען שטימען צו זיי ווילען העכערען די בענעפיטס אויף 150 אָדער אויף 200 דאָלאַר. ווערט ג. ג.

ער רעקאָמענדירט אויך, דאָס אַזוי ווי די דירעקטאָרען מיטען ניט מעהר ווי 4 מאָל אַ יאָהר (ווי די פאָריגע נ. ב.), נור צוויי מאָל אַ יאָהר, וואָלט געווען ניט מעהר ווי רעכט, צו רייזען די ריילראָוד קאָסטען און אויף'ן רעפערענדום זאָל שטעהן די סומע פון 50 און 60 דאָלאַר פאַר די מעמבערס צו בעשטימען. ווערט ג. ג.

ער רעקאָמענדירט אויך דאָס מיר זאָלען פאָרשלאָגען צום קאָנווענשאָן גוטצוהייסען די אָנשטעלונג פון אַ פּערמאַנענטען בעצאָהלטען אָרגאַנייזער. אַזוי ווי די צייט איז געווען צו קורץ פאַר אַן אויספיהרליכע דעבאַטע איבער דיעזער פראַגע ווערט דאַרום בעשלאָסען די פראַגע אויספיהרליך צו דיסקוטירען צו אונזער נעכסטען צוזאַמענפאָהר. מיר זאָלען אָבער פון קאָנווענשאָן פערלאַנגען דאָס רעכט, צו קענען אַרויסשיקען אַזאַ פּונקט צום רעפערענדום אויב די נ. ב. צוזאַמען מיט דער נאַצ. עקז. וועלען דאַן אַזאַ זאַך געפינען פאַר פּאַסענד.

פר. שקלאַווין שלאָגט פאָר צו רעקאָמענדירען דאָס דער אָרגאַניזאַציאָנס פאָנד און דער עדיוקיישאָנאַל פאָנד זאָל געהעכערט ווערען און אויף'ן רעפערענדום זאָל שטעהן — פאַר יעדען פאָנד — די סומע פון 5000 און 6000 דאָלאַר. ווערט ג. ג.

פר. אשפּיז שלאָגט פאָר צו רעקאָמענדירען צום קאָנווענשאָן, דאָס די אָרג. און עדיוקיישאָנאַל קאָמיטען זאָלען ניט איבערשטייגען די גרענעצען פון זייערע פאָנדס (כדי איין קאָמ. זאָל ניט געשטערט ווערען אין איהר אַרבייט צוליעב דעם דעפיציט פון דער פאָריגער קאָמיטע).

ער שלאָגט אויך פאָר, אַז אַרטיקעל 11 — טרייעלס און אַפּעלאַציאָנען — זאָל אַמענדירט ווערען און זאָל לויטען קלאָהר און שאַרף; אַז דאָס רעכט צו אַפּעלירען געגען די ענטשיידונג פון אַ ברענטש, זאָלען האָבען ביידע צדדים גלייך. פר. אשפּיז מאָטיווירט זיין פאָרשלאַג דערמיט, וואָס די פאָריגע נ. ב. האָט ענטשיידען, דאָס לויט די יעצטיגע פּונקטען, קען נור דער פערקלאָגטער אַפּעלירען, אָבער ניט דער אָנקלעגער און אַזוי ווי די רולס זיינען, אַז ווען די אונטערזוכונגס קאָמ. ברענגט אַריין אַ רעפּאָרט: „קלאַגע ניט בעגרינדעט" קען דאַן דער בר. שוין אין דעם ניט מעהר האַנדלען, דעריבער קען פּאַסירען אַז מען זאָל אַזאַ קאָמיטע בעשולדיגען אין פּאַרטייאישקייט און קיינער זאָל דערצו ניט קאָנען העלפען. ווען אָבער מען וועט קענען אַפּעלירען צו דער נאַצ. עקז. פאַלען אַוועק אַלע טענות. ווערט ג. ג.

עס ווערט געמאַכט וואַהל פאַר אַ סוב־קאָמיטע און די פריינדע ב. סלאַווין פון ניו־דזשערסי, ה. טייטעלמאַן פון פּענסילווייניא און מ. י. אשפּיז פון ניו־יאָרק ווערען ערוועהלט.

עס ווערט געמאַכט וואָהל פאַר דעל. צו דער נעכסטער קאָנווענשאָן אין פּיטסבורג און פר. ס. שקלאַווין פון מישיגען ווערט ערוועהלט.

אַלס סעק. פון דער נעש. באָארד ווערט ערוועהלט פר. מ. י. אשפּיז מיט אַ סאַלאַרי פון 50 דאלאר אַ יאָהר.

עס ווערען דאַן געהאַלטען רעדען פון די פריינדע מ. י. אשפּיז, ס. שקלאַווין; י. באַסקין און פון טשערמאַן פון דער זיצונג. די רעדנער צייגען אָן די ווייטערע אויפגאַבען פון דער נ. ב. און זייערע פליכטען. זיי פאָדערען אויף אַלע דירעקטאָרען צו זיין אימער די ערשטע אם פּלאַץ און דורך גוטע און טיכטיגע אַרבייט פאַר'ן אַ. ר. צו פערדיענען דעם הויכען אמט צו וועלכען זיי זיינען ערוועהלט געוואָרען.

דערמיט ווערט דער ערשטער צוזאַמענפאָהר פון דער נייער נ. ב. א. ד. געשלאָסען.

מ. י. אשפּיז, סעק.

אַ דזשאָינט מיטינג פון דער נעש. באָארד צוזאַמען מיט דער נאַצ. עקז. ווערט אָבגעהאַלטען זונטאג דעם 30טען דעצ. אום 10 אוהר מאָרגענס. אַלס טשערמאַן — פר. דזש. חלק פון ראוד אוילאַנד. פאָלגענדע פראַגען ווערען פערהאַנדעלט:

1) פראָטוירנאַל דויטס און די עלטערע מעמבערס,
2) דער קאַמפּיין פאַר 10,000 נייע מעמבערס.
3) שאַפען 25,000 דאָלאַר פאַר די מלחמה קרבנות.

צוערשט איז דעבאַטירט געוואָרען די פראַגע: וואָס דער אַ. ר. קען און דאַרף טהאָן פאַר די מעמבערס וועלכע זיינען אַריינגעטראָטען אין אַ. ר. אין דעם עלטער פון 30 ביז 40 יאָהר און פאַר ווען די נייע סיסטעם פון צאָהלונגען וועט זיין אַ צו גרויסע לאַסט.

פערשיעדענע מיינונגען ווערען וועגען דיעזער פראַגע אויסגעדריקט. עס איז אָבער די איינשטימיגע מיינונג פון ביידע קאָמיטעען, אַז דער אַ. ר. דאַרף זאָרגען פאַר די וועלכע וועלען פיליייכט ניט קענען צאָהלען די נייע „רייטס" און אָבוואָהל די פראַגע איז נאָך ניט ברענענד דיעזען יאָהר,.וועט דאָס ווערען ברענענד שפּעטער. איבערהויפּט וואָרט דער פאַקט, אַז דער אַ. ר. שטודירט דיעזע פראַגע און זוכט מיטלען ווי צו פערלייכטערען די צאָהלונגען פאַר די עלטערע מעמבערס, געמאַכט אַ זעהר גוטען איינדרוק.

עס ווערט בעשלאָסען צו ערוועהלען אַ 7-נער קאָמיטע פון דער עקז. און פון דער נ. ב. וועלכע זאָל צוזאַמען שטודירען דיעזע פראַגע. זיי זאָלען אויסגעפינען די ריכטיגע צאָהל פון אַזעלכע מעמבערס און וויסענדיג גענוי די צאָהל וועלען זיי קענען אויסאַרבייטען פּאַסענדע פּלענער און מיטלען און דאָס פאָרלעגען פאַר דער נעקסטער קאָנווענשאָן. אין דער קאָמיטע ווערען ערוועהלט: עפּשטיין, פּערלאָוויטש, דינערשטיין, זאַלצמאַן, טייטעלמאַן, סלאַווין און אשפּיז.

דאַן ווערט אויפגענומען די פראַגע פון מעמבערשיפּ קאַמפּיין. אַ לעבעדיגע דעבאַטע ענטוויקעלט זיך. די דירעקטאָרען גיבען אַלע אַן איבערבליק איבער דער לאַגע אין זייערע סטייטס, און וואָס עס קען געטהאָן ווערען צו העלפען איינער דעם צווייטען אין דער קאַמפּיין אַרבייט.

עס ווערט ענדליך בעשלאָסען דאָס די נ. ב. דריקט אויס איהר צופרידענהייט מיט דיעזען קאַמפּיין און פערפּליכטעט זיך מיט אַלע כחות צו העלפען דער עקז. צו מאַכען דעם קאַמפּיין אַן ערפאָלג. דער סעק. פר. אשפּיז ווערט בעאויפטראַגט אַזאַ רעזאָלוציאָן אויפצושרייבען און עס אָבדרוקען.

צולעצט ווערט דעבאַטירט די פראַגע פון שאַפען די 25,000 דאָלאַר וואָס דער אַ. ר. האָט זיך פערפּליכטעט פאַר די מלחמה קרבנות. פר. א. עפּשטיין גיט איבער אַלע איינצעלהייטען פון די פּלענער וואָס זיי האָבען אונטערנומען פאַר ניו יאָרק: די 2 טעאַטערע וועלכע זיינען גענומען געוואָרען אויף לינקאָלן'ס בוירטדיי אַלס בענעפיט פאַר'ן סאַנאַט. בילדינג פאָנד, זיינען אַוועקגעגעבען געוואָרען אַלס בענעפיט פאַר די מלחמה קרבנות. דיעזע אונטערנעהמונג, ערוואַרטען זיי, זאָל אַריינברינגען אַרום דריטהאַלבען טויזענד דאָלאַר. עס איז צוזאַמענגערופען געוואָרען אַ קאָנפערענץ פון אַלע ניו יאָרקער ברענטשעס און דער קאָנפערענץ האָט אָנגענומען אַ רעזאָלוציאָן: צו פערפּליכטען מאָראַליש אַלע ברענטשעס צו שאַפען יעדערער אַ סומע וואָס זאָל בעטרעפען 50 סענט פער מעמבער. דיעזער פּלאַן, ערוואַרטען זיי, וועט שאַפען אַרום אַ העלפט פון דעם אַרב. רינג'ס פערפּליכטעטע סומע. די פראַגע בלייבט יעצט, וואָס וועט טהאָן די קאונטרי? פאַר אַ יאָהרען האָט די קאונטרי זעהר פיין זיך אויסגעצייכענט, אָבער דעם יאָהר איז נאָך פאָרלויפיג שטיל אין דער קאונטרי און עס דאַרף זיין די פליכט פון דער נ. ב. די קאונטרי אויפצואוועקען און זעהן דאָס יעדער ברענטש זאָל בייטשטייערען זיין חלק.

פר. עפּשטיין בעריכטעט דאָס דער פעברואַר נומער „פריינד" וועט ענטהאַלטען פּאַסענדע אַרטיקלען וועגען רעליעף און דער מערץ נומער וועט פערוואַנדעלט ווערען אין אַ ספּעציעלען רעליעף נומער אין וועלכען עס וועלען אויך זיין „גאָלדענע בלעטער" וואו עס וועט פערשריבען ווערען די דאָנייטשאָנס פון יעדען ברענטש און פון יעדען מעמבער וואָס וועט ספּעציעל בייטשטייערען פאַר די מלחמה קרבנות.

נאָך אַ קורצע דיסקוסיאָן ווערט בעשלאָסען דאָס די נ. ב. א. ד. זאָל פערפאַסען אַ רעזאָלוציאָן וועלכע זאָל אויפפאָדערען די ברענטשעס פון דער קאונטרי נאָכצופאָלגען דעם ביישפּיעל פון די ברענטשעס אין ניו יאָרק און זיי פערפּליכטען מאָראַליש צו שאַפען די זעלבע סומע פער מעמבער ווי די ברענטשעס פון ניו יאָרק. דער סעק. ווערט בעאויפטראַגט אַזאַ רעזאָלוציאָן אויפצושרייבען און עס אָבדרוקען.

דערמיט ווערט דער דזשאָינט מיטינג געשלאָסען.

מ. י. אשפּיז, סעק. נ. ב. א. ד.

---

## רעזאָלוציאָנען פון רער נ. ב. א. ד.

### 1. — טרויער־רעזאָלוציאָן פון דער נעש. באָארד אָוו דירעקטאָרס אַ. ר. אויף דעם טויט פון ש. י. אַבראַמאָוויטש (מענרעלי מוכר ספרים) און מ. טערמאַן.

„די נעשאָנאַל באָארד אָוו דירעקטאָרס פון אַרבייטער רינג דריקט אויס איהר גרויסען בעדויערען און טיעפען געפיהל פון גייסטיגען שמערץ איבער דעם טויט פון אונזערע צוויי שריפטשטעלער, לעהרער און וואָרטספיהרער: ש. י. אַבראַמאָוויטש (מענדעלי מוכר ספרים) און מ. טערמאַן — דער לעצטער וועלכער איז ספּעציעל געוועזען פערבונדען מיט'ן אַרבייטער רינג, אַרבייטענדיג אונערמיעדליך אין דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע.

„דער אַ. ר. האָט ביידען פיעל צו דאַנקען פאַר די אויפקלערונג, אינטעליגענץ און בעוואוסטזיין, וואָס איז אַריינגעבראַכט געוואָרען אין דער אידישער גאַס, צו וועלכער דיעזע צוויי פערשטאָרבענע לעהרער און שריפטשטעלער האָבען בייגעטראָגען אַ גרויסען חלק. ביי די פרישע קברים פון דעם אַלטען וועטעראַן און פריהצייטיג פערשטאָרבענעם קעמפּפער זאָל אויך אונזער טרעהר אַריינגענומען ווערען אינ'ס אַלגעמיינעס פאָלקס־טרויער אויף דעם גרויסען היזק וואָס דאָס אידישע פאָלק האָט געליטען דורך דעם טויט פון דיעזע צוויי פערשטאָרבענע לייכטענדע גייסטער.

„עהרע זייער אנדענקען.

„נ. ב. אָוו רירעקטאָרס אַ. ר., מ. י. אשפּיז, סעק."

---

### 2. — רעזאָלוציאָן פון רער נ. ב. א. ר. וועגען דעם קאַמפּיין פאַר נייע 10,000 מעמבערס אין אַ. ר.

„אַנערקענענדיג די גרויסע וויכטיגקייט צו פערגרעסערען די מעמבערשיפּ פון אַרב. רינג, מאַכענדיג איהם כסדר אַלץ גרעסער און שטאַרקער; אַז דאָס אַריינציהען נייע מיטגליעדער אַרבייטער אין אונזערע רייהען מיינט אויך די פערשטאַרקונג פון דער אַלגעמיינער אַרבייטער בעוועגונג פון וועלכער דער אַרבייטער רינג איז אַ טהייל און אַ גרויסע שטיצע אין אַלע קעמפּפע געגען יעדע פאָרמע פון אונטערדריקונג און עקספּלואַטאַציאָן.

„בעגריסט דערפאַר די נאַצ. באָארד אָוו דירעקטאָרס ענטהוזיאַסטיש דעם קעמפּיין פון דער אָרג. קאָמ. און דער גענ. עקז. פאַר 10,000 נייע מעמבערס ביז צו' דער נעקסטער קאָנווענשאָן.

„די נ. ב. א. ד. פערפּליכטעט זיך מיט אַלע כחות צו העלפען דער גענ. עקזעקוטיוו ערפאָלגרייך דורכצופיהרען דיזען קאַמפּיין דערמיט וואָס יעדער וועט אין זיין סטייט אויפמונטערען און אויפוועקען דעם אינטערעס ביי די אָרטיגע סיטי קאָמיטעען, ברענטשעס און די אַלגעמיינע מעמבערשיפּ און זיי בעגייסטערען צו אַרבייטען ענערגיש אַז דיעזער קעמפּיין זאָל — פּונקט ווי דעם אַרב. רינגס פאָריגע קאַמפּיינס — געקרוינט ווערען מיט ערפאָלג און דאָס צו דער נעקסטער קאָנווענשאָן זאָל דער אַרב. רינג בעגריסט ווערען פון דעלעגאַטען פון אַ 10,000 קעפּיגע אַרמיי וועלכע איז פעראייניגט אין איהר מוטהיגען קאַמפּף פאַר אַ פרייען און בעסערען לעבען.

„מיט פריינדליכען גרוס,

„נעשאָנאַל באָארד אָוו רירעקטאָרס אַ. ר., מ. י. אשפּיז, סעק."

---

### 3. — רעזאָלוציאָן פון דער נ. ב. א. ד. איבער דעם קאַמפּיין פון אַ. ר. צו שאַפען 25,000 ראָלאַר פאַר רי מלחמה קרבנות.

„אין אַנבעטראַכט אַז דער אַרב. רינג האָט זיך פערפּליכטעט צו שאַפען אַ סומע פון 25,000 דאָלאַר צו העלפען אונזערע ברידער אין די מלחמה לענדער, וועמעס לאַגע איז אַצינד שרעקליך;

„אין אַנבעטראַכט דאָס אויף אַ קאָנפערענץ פון די ניו יאָרקער ברענטשעס איינבערופען פון דער גענ. עקז. איז אָנגענומען געוואָרען אַ רעזאָלוציאָן וועלכע פערפּליכטעט מאָראַליש יעדען ברענטש אין ניו יאָרק צו שאַפען אַ סומע. וועלכע זאָל בעטרעפען 50 סענט פער מעמבער און אַזוי נאָך העלפען גוטצומאַכען די פערפּליכטונג פון דעם אַרב. רינג צו שאַפען 25,000 דאָלאַר אַלס הילף פאַר די מלחמה קרבנות;

„בעשליסען מיר, דאָס די נעשאָנאַל באָארד אָוו דירעקטאָרס פון ארב. רינג פערטרעטענדיג 12 פערשיעדענע סטייטס, הייסט גוט דיזע רעזאָלוציאָן און מיר פאָדערן אויף אַלע ברענטשעס פון אַרבייטער רינג פון גאַנצען לאַנד נאָכצופאָלגען דיעזען נאָבעלען ביישפּיעל און דאָס יעדער ברענטש זאָל זיין פערפליכטעט מאָראַליש צו שאַפען די זעלבע סומע פער מעמבער ווי די ברענטשעס פון ניו יאָרק.

„פרוינדע! דער עלענד פון אונזערע ברידער אין די מלחמה לענדער איז אונגעהויער שרעקליך — מעהר ווי ווער פון אונז קען עס זיך פאָרשטעלען. דארום ערוואַרטען מיר, אַז קיין ברענטש פון דעם אַרב. רינג וועט ניט בלייבען גלייכגילטיג צו זייער הילפס־געשריי און די ברענטשעס וועלען אָנווענדען אַלע זייערע כחות גוטצומאַכען זייער פליכט צו העלפען אונזערע אונגליקליכע רואינירטע ברידער.

„מיט פריינדליכען גרוס,

„נעשאָנאַל באָארד אָוו דירעקטאָרס א. ר., מ. י. אשפיז, סעק.״

---

## דארפען די ברענטש ביכער אונטערזוכט ווערען אין אָפיס?

---

א געוויסע צאָהל פינאַנס סעקרעטערע פון אונזער אָרדען, ווי אויך געוועזענע סעקרעטערע און אנדערע בעאַמטע, זיינען אבסאָלוט געגען שיקען די ביכער אין דזשענעראַל אָפיס. מאַנכע סעקרעטערע טענה׳ן, אַז די ביכער זיינען סיי ווי סיי אין א גוטער אָרדנונג, אַז זיי פערשטעהען ווי צו פיהרען אָהן די הסכמה פון דזשענעראַל אָפיס און אַז די לאָקאַלע פינאַנס־קאָמיטעען קענען אויך טהאָן די ארבייט. א היבשע צאָהל סעקרעטע־רע פיהלען זיך שטאַרק בעליידיגט, ווען זיי קריגען א לעטער וועגען צושיקען די ביכער, און זיי דיינקען, אַז עס איז דאָ אַ פערדאַכט געגען זייער עהרליכקייט. אנדערע סעקרעטערע ערקלערען אַז זיי זיינען קיין בוק־קיפּערס קיינמאָל ניט געווען, אַז זיי האָבען אָנגענומען דיעזען אמט, ווייל קיין אנדערער האָט ניט געוואָלט אָננעהמען, אַז זיי האָבען קיינמאָל ניט אָנגעפיהרט די געלדער פון ברענטש; און זיי זעהען ניט איין, ווארום מען פאָדערט פון זיי די ביכער. איינער פון די הויפּטמאָטיווען פון די געגנער פון שיקען די ביכער איז, וואָס זיי ווילען ניט האָבען קיין „אוננוציגע אויסגאַבען״. און מאַנכע ברענטש בעאַמטע ווערען אַזוינע גרויסע פערשפּאָרער, אַז זיי ווילען זאָגאַר אַז דער אָפיס זאָל זיי אומקעהרען די פּאָסטיירוש, זאָנסט וועלען זיי די ביכער ניט ארויסשיקען.

אונזער צוועק מיט דיעזען אַרטיקעל איז צו צייגען, ווי אונגערעכט עס זיינען יענע עלעמענטען, וועלכע זיינען געגען די אונטערזוכונג פון זייערע ברענטש ביכער אין אָפיס. פאַר דער צייט, וואָס דער אָדיטינג דעפּאַרטמענט עקזיסטירט, האָט אונז די פּראַקטיקע בעוויזען, אַז זעהר א קליינע צאָהל פינאַנס־סעקרעטערע ווייסען גרינגליך ווי צו פיהרען דעם טשעק־אַקאונט אזוי, אַז עס זאָל שטימען מיט׳ן קעש־בוך. די גרעסטע פלאָנטערס קומען פאָר ביי דיעזען אַקאונט. עס פּאַסירט, אַז מאַנכע טשעקס קומען ניט אריין א לאַנגע צייט אין די בענק, און דער סעקרעטער ווייס ניט וואָס צו טהאָן, צי זאָל ער עס נאָך רעכענען פאַר אַן „אויטסטענדיג טשעק״, אָדער זאָל ער אויסמאַכען דארויף א רעסיט?

דער טרעזשורער קריעגט צוריק פון די באַנק א טשעק, וועלכען ער האָט דעפּאָזיטעד. וואָס זאָל טהאָן דער טרעזשורער אָדער סעקרעטער אין פאַל זיי קענען ניט קאָלעקטען קיין געלד פאַר אזא טשעק? ווי זאָל מען דורכפיהרען דורכ׳ן קעש־בוך די טשאַרדזשעס, וועלכע די בענק מאַכט פאַר פערשיעדענע קאָלעקשאָנס אָדער פאַר א פּראָטעסטירטען טשעק? ווי זאָל מען אויסמאַכען א טשעק פאַר קראַנקען־בענעפיט אין אין דערזעלבער צייט ארונטעררעכענען דעם מעמבער׳ס דועס פון זיין ביל? ווען זאָל מען געבען דעם באַנק־ביכעל צום באַלאַנסען, ווען מען שליעסט אָב דעם קעש־בוך, עס׳רע קוואַרטאַל אָדער אָבוואַרטען ביז אַלע טשעקס וועלען אריינקומען אין די בענק? אנדערע ברענטש־סעקרעטערע וואַרטען מיט׳ן באַלאַנסען 10־15 טעג, ביז אַלע טשעקס וועלען אריינקומען פאַר׳ן קוואַרטאַל, און צום **צרה**, ווען דער ביכעל ווערט געבאַלאַנסט, לאָזט זיך גאָר אויס, אַז די בענק האָט שוין אויסגעצאָהלט איינינע טשעקס זאָגאַר פאַר׳ן נייעם קוואַרטעל, און דאַן פערלירען זיי זיך גאָר אין גאַנצען און ווייסען ניט וואָס צו טהאָן. מאַנכע סעקרעטערע זעהען זיך ארום, אַז זיי דארפען מאַכען קלענער אָדער גרעסער א געוויסען טשעק, וועלכען זיי גיבען ארויס. זיי רייסען אויס פון ענדע פון טשעק־בוך אַן אנדער טשעק־בלענק, שרייבען אויס אַן אנדער טשעק און פערגעסען צו ענדערן דיזעלבע סומע אויפ׳ן סטאָב פון טשעק־בוך, אזוי אַז די סומע פון טשעק שטימט ניט מיט דער סומע אויפ׳ן סטאָב. די אויסגאַבען אין קעש־בוך ווערען אריינגעשריבען פון סטאָב פון טשעק־בוך. ווען דער בענק־ביכעל ווערט געבאַלאַנסט, איז עס זעלבסט־פערשטענדליך, אַז דער טשעק אַקאונט קען דאַן ניט שטימען מיט׳ן קעש־בוך.

די סעקרעטערע וועלכע האָבען זיך שוין אָנגעשטויסען אָן אַזעלכע שוועריגקייטען און האָבען זיך געווענדעט צו אונז, האָבען זיך איבערצייגט, וואָס פאַר א גרויסען ווערט אונזער ארבייט האָט פאַר די ברענטשעס. א גאַנץ בעדייטענדע צאָהל פינאַנס־סעקרעטערע, ווען זיי פלעגען שיקען די ביכער אין אָפיס, האָבען אליין ניט געוואוסט, אַז עס זיינען דאָ געוויסע דיפערענסען ביים פערגלייכען זייער טשעק אַקאונט מיט׳ן קעש־בוך. ווען מיר פלעגען דאָס פעסטשטעלען, ווען מיר פלעגען אָנווייזען די אורזאַכען דערפון, און ווער עס איז פעראַנטוואָרטליך פאַר די אָדער יענע מיסטייקס, און געבען ריקאָמענדיישאָנס ווי צו פיהרען די פינאַנסען אויף ווייטער, האָבען די ברענטשעס ווי אויך די פינאַנס־סעקרעטערע אַנערקענט די וויכטיגקייט פון אָדיטינג דעפּאַרטמענט. אלס בעווייז קענען דיענען די פיעלע דאַנק־לעטערס וועלכע מיר ערהאַלטען פון די ברענטשעס, וועמעס ביכער מיר האָבען אונטערזוכט.

אין נעכסטען נומער „פריינד״ וועלען מיר ווייזען, ווארום די ביכער מוזען אונטערזוכט ווערען אין אָפיס, ווי פּינקטליך דער פינאַנס־סעקרעטער זאָל ניט זיין.

אָדיטינג־דעפּאַרטמענט א. ר.

---

## דאנקזאָגונגען

---

דאנקזאגונג פון בר. 133.

די מעמבערס פון בר. 133 ארב. רינג, דריקען אויס א הערצליכען דאנק און אנערקענונג צו ק. ר. הארפע, בר. 597 אר. רינג, און צו די פריינדע מארמאר, פרענקעל און פינקעלשטיין, פאר זייער טאַלאַנטפולער ארבייט וואס זיי האָבען געלייסטעט צו אונזער ליטעראַרישען אבענד, דעם 8טען דעצעמבער, 1917.

לואיס גינזבורג. סעק.

---

דאַנקזאַגונג פון י. ל. פרץ בר. 37 א. ר.

מיר דריקען אויס אונזער הערצליכסטען דאַנק צו די פאָלגענדע ברענטשעס פיר זייער אָפּרופען זיך אויף אונזער אַפּיעל: צו 1 דאָל.: ברענטשעס 10, 11, 18, 19, 20, 21, 24, 27, 29, 36, 41, 45, 46, 65, 73, 77, 75, 87, 88, 90, 94, 95, 105, 116, 117, 119, 130, 135, 138, 144, 145, 151, 158, 161, 166, 169, 170, 173, 205, 215, 216, 232, 237, 266, 268, 284, 288, 308, 311, 318, 320, 324, 361, 362, 380, 382, 384, 394, 398, 413, 414, 416, 417, 418, 446, 479, 480, 483, 484, 488, 489, 495, 503, 505, 506, 507, 510, 525, 529, 534, 535, 540, 557, 565, 570, 573, 585, 587, 590, 596, 597, 599; צו 50 ס.: ברענטשעס 2, 7, 13, 23, 28, 29, 32, 42, 47, 53, 58, 63, 64, 70, 71, 79, 80, 82, 84, 92, 106, 109, 110, 118, 120, 121, 127, 128, 132, 133, 136, 157, 162, 174, 180, 198, 213, 220, 228, 231, 240, 250, 258, 260, 271, 274, 278, 292, 295, 303, 304, 312, 316, 317, 319, 325, 326, 353, 356, 372, 383, 397, 402, 410, 410, 425, 426, 457, 459, 465, 468, 469, 470, 496, 500, 522, 547, [illegible], 594; בר. 315, 80 ס.; בר. 603, 60 ס.; בר. 560, 30 ס.; בר. 251, 25 ס.; בר. 447, 25 ס.

ס. בלאק, סעקר

### בראָנקס פּארק לייבאָר ליסעאום קאָמיטע.

די בראָנקס פּארק לייבאָר ליסעאום קאָמיטע דאַנקט די ברענטשעס וועלכע האָבען זיך אָבגערופען אויף אונזער אַפּיעל. די פאָלגענדע ברענטשעס האָבען זיך אָפּגערופען: צו 1 דאָלאר: ברענטשעס 3, 4
5, 8, 11, 28, 42, 47, 52, 5ג, 81, 88, 94, 99, 110, 118, 30„
177, 186, 198, 201, 205 214, 233, 257, 288, 303, 304, 325, 355,
367, 384, 413, 422, 434, 441, 453, 456, 500, 502, 507, 543,
552, 553, 559, 565, 585, 587, 588, 592, 133; צם 50 ס.: ברענטשעס
29, 45, 84, 120, 156, 161, 234, 307, 319; בר. 150, 20 ס.; בר.
7, 60 ס.; בר. 386, 6 ס.; בר. 416 10 ס.

מיר ווילען אויך דערמאָהנען די יעניגע ברענטשעס, וועלכע האָבען נאָך ניט געענטפערט ביז יעצט, אַז מיר נויטהיגען זיך זעהר אין הילפע און מיר בעטען זיי ווי אַם מעגליכסטען אונז אויסשטרעקען אַ האַנד פון הילפע אין אונזער וויכטיגער אונטערנעהמונג. אויך ווילען מיר דערמאָהנען די ברענטשעס וואָס שרייבען אַז זיי האָבען קיין סטעמפס ניט ערהאַלטען, דאָס די סטעמפּס זיינען ארויסגעשיקט געוואָרען מיט אַ יאָהר צוריק, און ווייל די סעקרעטערע אָדער אַנדערע בעאַמטע האָבען זיך געביטען, קען זיין אַז צוליעב נאַכלעסיגקייט איז דאָס פערלאָרען געגאַנגען. אויך די יעניגע ברענטשעס וואָס קענען ניט העלפען זאָלען אַזוי גוט זיין אָפּשיקען די סטעמפּס, ווייל מיר מוזען האָבען אַ גענויען רעקאָרד פון אַלע סטעמפּס.

י. קאַפּילאָוו, טרעזשורער.

---

מיר הריקען אויס אונזער טיעפסטע אנערקענונג צו אונזער פר. ה. זאקהיים פאר זיין גוטע אונערמיעדליכע ארבייט אין די אינטערעסען פון אונזער ברענטש. מיר אַנערקענען, דאָס ער האָט זעהר פיעל בייגעטראגען צו דעם וואוקס און ענטוויקלונג פון אונזער ברענטש, און מיר בעדויערען שטאַרק וואס די אומשטענדען זיינע האָבען איהם געצוואונגען אונז צו פערלאזען. מיר האָפען דאָס ער וועט אויך ווייטער אוועקגעבען זיין ענערגיע און פעהיגקייטען פאר'ן ארב. רינג און פיר דער ארבייטער בעוועגונג אין אלגעמיין.

בר. 90 א. ר., טרענטאָן, מ. קאָהען, סעק.

---

מיר, די מעמבערס פון בר. 330, האָבען בעשלאָסען אויסצודריקען אונזער דאַנק און רעספּעקט צו אונזער האָספּיטעלער, פר. קאַטשער פאר זיין גוטע ארבייט און אויך פאר די 5 דאָל. וואס ער האָט געשאָנקען פאר דעם פאָנד פאר די געדרעפּטעטע פון אונזער ברענטש.

פּרעס. קאָמיטע.

---

### קוויטירונגען ערהאלטען פון די פאָלגענדע ברענטשעס:

ברענטש 595 — $3.00; ברענטש 450 — $2.75; ברענטש
30 און 330 — צו $2.00. צו $1.50 — בר. 21, 46, 116, 117, 141,
161, 187, 312; ברענטש 594 — $1.30. צו $1.00 — בר. 2, 20,
28, 40, 43, 45, 58, 69, 70, 72, 73, 77, 87, 105, 107, 110, 114,
123, 128, 135, 137, 142, 144, 145, 160, 169, 174, 200, 202,
210, 248, 262, 265, 271, 287, 290, 292, 297, 305, 320, 334,
341, 348, 358, 361, 362, 383, 392, 394, 396, 403, 431, 437, 446,
453, 459, 469, 475, 481, 489, 495, 508, 511, 519, 557, 564, 565,
580, 589; צו 75 סענט — בר. 7, 606; צו 50 סענט — בר. 6,
10, 13, 18, 19, 23, 35, 37, 39, 42, 45, 47, 48, 53, 55, 63, 65,
79, 80, 84, 94, 96, 99, 104, 106, 109, 118, 119, 120, 121,
127, 133, 136, 157, 158, 167, 170, 178, 183, 189, 198, 214,
220, 232, 234, 240, 242, 251, 260, 266, 270, 274, 278,
288, 295, 303, 304, 315, 316, 317, 318, 325, 326, 337, 342,
349, 353, 367, 397, 402, 410, 416, 418, 426, 429, 432, 457,
470, 483, 484, 488, 496, 500, 510, 522, 529, 534, 547, 561,
570, 571, 585, 590, 594, 599; צו 25 סענט — בר. 166, 447.

אין דעם נאָמען פון די קראנקע מעמבערס און זייערע פאמיליעס דאנקען מיר הערצליך די אלע ברענטשעס, וועלכע האָבען זיך אָבגערופען אויף אונזער אַפּיעל.

ברענטש 82 ארבייטער רינג.
מ. וואלבערג, סעק.

---

מיר, די מיטגליעדער פון בר. 342 א. ר., גלענס פאָלס, נ. י., אנערקענענדיג די טיכטיגע ארבייט און איבערגעבענהייט, מיט וועלכער אונזער פר. מ. עדעלשטיין האָט אונז געדיענט אלס סעקרעטאר פיר די לעצטע צוויי יאָהר; אַנערקענענדיג ווייטער, אז ער האָט פיעל מיטגעווירקט צו דעם גרויסען ערפאָלג וואס אונזער ברענטש האָט געמאַכט דורך די לעצטע צוויי יאהר — דריקען מיר איהם אויס אונזער דאנקבאַרקייט און אכטונג.

י. פּאָמעראַנץ, מ. אלקוס, ה. אלקוס, רעז. קאָם.

---

מיר, די נייע ס. ק. אף לאָס אנדזשעלעס, דריקען אויס אונזער הערצליכסטען דאַנק צו די פריהערדיגע ס. ק. מיר בעדויערען באמת וואָס זיי האָבען זיך צוריקגעצויגען, און איבערהויפּט בעדויערען מיר פאר וואס דער פריהערדיגער טשערמאַן, פר. לעוויט, און סעקרעטער, פר. מגיד האָבען זיך צוריקגעצויגען, ווייל זיי האָבען באמת געטהאָן גוטע אַרבייט פאר דעם ארב. רינג און מיר דריקען אויס די האָפנונג, אז זיי וועלען ווייטער טהאָן גוטע אַרבייט פאר דעם ארב. רינג.

מיט גרוס, יהושע פּארבער, סעק.

---

## 7 מאָל 25.

25 סענט איז דער פּרייז, וואָס יעדער אידישער פערלעגער רעכענט פאַר'ן איינבינדונג פון אַ בוך. די 7 ביכער (דורך אַ טעות איז לעצטען מאָנאַט אָנגעגעבען געוואָרען 4), וואָס די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט היי־יאָהר ארויסגעגעבען, וואָלט ער רעכענען $1.75 בלויז פאר'ן איינבונד. די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע רעכענט $1.50 פאר'ן גאַנצען סעט, דאָס הייסט, נאָך ווייניגער, וויפיעל אַנדערע פערלעגער וואָלטען רעכענען פאר'ן איינבונד אליין. פערשטעהט זיך, אַז דאָס איז בלויז צייטווייליג, בלויז פאר די, וואָס וועלען די ביכער בעשטעלען איצט. נאָכ'ן ערשטען מאַי .וועט דער פּרייז געהעכערט ווערען.

---

## עס זיינען צושיקט געוואָרען די לעקציעס פון ארבייטער רינג פאָלקס אוניווערזיטעט דורך קאָרעספּאָנדענץ. די שילער, וואָס האָבען געביטען זייערע אדרעסען פון דער צייט וואָס זיי האָבען זיך פערשריבען — זיינען געבעטען צו לאָזען וויסען דעם אָפיס.

---

## נוארק און ענגעלוואוד שטעלען ניט צו די קוואָטאַ.

אום צו שאַפען די 25 טויזענד דאלאר פאר די מלחמה קרבנות איז אָנגענומען געוואָרען, אז יעדער ברענטש זאָל זעהן צוצושטעלען צו 50 סענט פער מעמבער. ניט אַלע אָבער זיינען טרייע אָרגאַניזאציאָנס מענשען, וואָס היטען אָב די בעשליסע פון דער אָרגאַניזאציאָן, און אַזוי האָט טאַקע נוארק צוגעשיקט צום אַרבייטער רינג'ס הילפס־פאָנד 1000 דאלאר וואָס דאָס איז מעהר, ווי וויפיעל זי איז פערפליכטעט און ברענטש 595 ענגעלוואוד, נ. דזש., וואָס בעשטעהט פון גאנצע 21 מעמבערס, האָט אויף זיין יאהרעספעסט געזאמעלט 66 דאלאר פאר די מלחמה קרבנות.

דאָס הייסט ניט טרייע אָרגאַניזאציאָנס מענשען!...

די טעג ערשיינען:

# פאלגענדע זיבען נייע ביכער:

## 1. אסטראנאמיע

ארום 300 זייטען מיט אילוסטראציאָנען און צייכנונגען

פון דר. ב. האָפמאַן (צביון)

## 2. פיזיאָלאָגיע, ערשטער טהייל

## 3. פיזיאָלאָגיע, צווייטער טהייל

פון דר. י. א. מעריסאָן

## 4. געאָלאָגיע, ערשטער טהייל

## 5. געאָלאָגיע, צווייטער טהייל

פון דר. א. קאספע

## 6. פאָליטישע עקאנאמיע ערשטער טהייל

## 7. פאָליטישע עקאנאמיע צווייטער טהייל

פון א. ש. זאקס

די ביכער קומען עלעגאַנט געבונדען!

די מעמבערס פון ארבייטער רינג, וואָס וועלען בעשטעלען די ביכער ביז'ן ערשטען מאי, בעקומען אַלע זיעבען ביכער פאר בלויז $1.50. ניט מעמבערס — פאר $3.00.

נאָכ'ן ערשטען מאי וועט די פרייז פון די ביכער געהעכערט ווערען.

עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע ארבייטער רינג.

APRIL 1918

# פריינד

ארבייטער רינג

## אינהאלט



D. FOSHKO

OFFICIAL ORGAN OF THE WORKMENS CIRCLE.



THE FRIEND

OFFICIAL ORGAN OF THE WORKMEN'S CIRCLE

Published Monthly

Office of Publication:
62 Van Buren St. Passaic, N. J.
General Office:
175 E. Broadway, New York, N. Y.

Subscription Rates:
Per Annum, 50c. Six Months, 25c.
Single Copy, 5 cts.

Entered as second class matter April 21, 1911, at the Post Office at Passaic, New Jersey, under the Act of July 16, 1914.

THE FRIEND



דער פריינד

Vol. IX. APRIL 1918 Vol. 4

# פון מאָנאַט צו מאָנאַט

**אַ רוהיגע קאָנווענשאַן**

ווי מען קען פאָראויסזעהן וועט די קאָנווענשאַן פון ארבייטער רינג אין פיטסבורג זיין איינע פון די רוהיגסטע קאָנווענשאָנס אין דער געשיכטע פון אונזער אָרדען.

עס איז אין דעם יאָהר ניט פארגעקומען עטוואס אזעלכעס, וואס זאָל שטערען דעם רוהיגען גאַנג פון ארבייטער רינג. עס זיינען ניט ענטשטאַנען קיין „ברענענדע פראַגען" און עס איז ניט געוועזן ווער עס זאָל זיי אויפהויבען.

עס איז געוועזן א שווערער יאָהר פאר'ן ארבייטער רינג אין בעצוג צו אָרגאניזאציאָנס־ארבייט. עס איז געוועזן שווער אריינצונעהמען נייע מיטגליעדער און א סך האָט מען געמוזט שטרייכען. א סך זיינען אוועק אין רוסלאנד און א סך זיינען אוועק אין די קעמפּס. מען האָט געדארפט שווער ארבייטען אָנצוהאַלטען די צאָהל מיטגליעדער, וואָס דער ארבייטער רינג האָט פאר יאָהרען פערמאָגט, מען האָט זיך שטארק געשראָקען פאר א דעפיציט, אבער מען האָט אָבגעשניטען ניט אזוי שלעכט, ווי מען האָט זיך געשראָקען. מען איז ארויס נאָך א ביסעל איבערן קרן. אין אזא שווערען יאָהר האָט מען קיין בעסערען רעזולטאַט ניט געקענט ערווארטען. עס איז געוועזן א שווערער יאָהר, אָבער מען האָט איהם רוהיג דורכגעשלעפּט.

קיין נייע גרויסע פראַגען שטעהען ניט אויף דער טאַגעס־אָרדנונג, קיין נייע פאָדערונגען פאר מעהר געלד ביי די מיטגליעדער שטעהען אויך ניט פאָר. די עקזעקוטיווע קומט צו דער קאָנווענשאָן מיט דעם אַלטען בודזשעט און פערלאַנגט ניט קיין הוספות. אין א פּאָר פאָנדען זיינען אפילו פאראַן קליינע דעפיציטען, אָבער עס איז פאראַן א האָפנונג, אז זיי וועלען זיך דאָס נעקסטע יאָהר אויסגלייכען אָהן עקסטרא צאָהלונגען פון די מיטגליעדער. דערפאר זיינען אין אנדערע פאָנדען פאַראַן גרויסע סורפּלוסען. אפילו דער אדמיניסטריישאָן פאָנד און דער „פריינד" פאָנד האָבען שוין די זכיה צו קומען צו דער קאָנווענשאָן מיט א סורפּלוס.

און אז קיין „ברענענדע פראַגען" זיינען ניטאָ און קיין העכערע שטייערען וועט מען ניט פאָדערען, וועט דאָך מוזען זיין א רוהיגע קאָנווענשאָן. די דעלעגאטען וועלען האָבען גענוג צייט צו קריטיקירען די עקזעקוטיווע, און די עקזעקוטיווע וועט האָבען גענוג צייט צו ענטפערען אויף די קריטיק און אז עס וועט זיין גענוג צייט זיך דורכצורעדען, צו קריטיקירען און צו ענטפערען וועט דער עולם זיין צופריעדען און רוהיג און כמילא וועט אויך זיין א רוהיגע קאָנווענשאָן.

און עס איז טאַקע שטארק נויטיג צו האָבען אין א נאָרמאַלע רוהיגע קאָנווענשאָן. נאָך די עטליכע שטורמדיגע קאָנווענשאָנס, וואס דער ארבייטער רינג האָט געהאַט פאר די לעצטע עטליכע יאָהר, איז שוין ווירקליך צייט, אז מען זאָל האָבען איין קאָנווענשאָן ניט קיין שטורמדיגע, נאָר א רוהיגע, און עס שיינט, אז מיר וועלען זי דאָס יאָהר האָבען.

---

**רעקאָמענדאציאָנען צו דער קאָנווענשאָן.**

די עקזעקוטיווע קומט דאָס יאהר מיט גאַנץ בעשיידענע רעקאָמענדאציאָנען צו דער קאָנווענשאָן. זי פערלאַנגט א פּאָר קליינע אויסבעסערונגען אין א פּאָר פּאראַגראַפען פון דער קאָנסטיטוציע, און אויסטייטשונג פון א פּונקט אין דער קאָנסטיטוציע, וועלכער איז ניט אין גאַנצען קלאָר און וואס האָט געפיהרט דערצו, אז די עקזעקוטיווע זאָל איהם טייטשען אַנדערש. קיין בעדייטענדע ענדערונגען אין דער קאָנסטיטוציע רעקאָמענדירט זי ניט. עס האָט זיך פּאָרלויפיג נאָך ניט ארויסגעשטעלט אז ענדערונגען זיינען נויטיג.

די איינפיהרונג פון פראַטווירנאל רייטס אין ארבייטער רינג האָט לאָגישער ווייזע געבראַכט מיט זיך אייניגע ענדערונגען, וועלכע דארפען געמאַכט ווערען אין בעצוג צו די אינשורענס און צו דעם איינטריטס עלטער. ווען עס זיינען איינגעפיהרט געוואָרען רייטס, קען מען אויך ארויסגעבען גרעסערע אינשורענס פּאָליסים ווי 400 דאָלאר און מען קען אויך אריינגעהמען נייע מיטגליעדער, וועלכע זיינען עלטער פון 40 יאָהר. די עקזעקוטיווע רעקאָמענדירט דעריבער, אז מען זאָל קענען ארויסגעבען פּאָליסים ביז דער הויך פון טויזענד דאָלאר און אז מען זאָל אריינגעהמען נייע מיטגליעדער ביז 45 יאָהר אַלט. עס פערשטעהט זיך, אז ביים ארויסגעבען גרעסערע פּאָליסים וועט מען דארפען זיין שטרענגער מיט דעם דאָקטאָר עקזאַמען און ביים אריינגעהמען מיטגליעדער עלטער ווי 40 יאָהר וועט מען דארפען פאָדערען מעהר איבערציינגענדע בעווייזע וועגען דער ריכטיגקייט פון די אָנגעגעבענע יאָהרען, אָבער דאָס זיינען זאכען, וועלכע קומען שוין ממילא מיט דער רעקאָמענדאַציאָן. דער עיקר איז אָבער, אז די רעקאָמענדאציאָן גופא איז א לאָגישע און זי וועט זיכער אָנגענומען ווערען פון דער קאָנווענשאָן.

דער סאַניטאַריום פאָנד איז דאָס יאָהר, צוליעב דעם גרויסען יקרות, געווען ניט גענוגענד, און אזוי ווי עס זעהט זיך ניט, אז דאָס נעקסטע יאָהר זאָל דער יקרות קלענער ווערען איז עס קלאָר אז דער סאַניטאַריום פאָנד מוז פערגרעסערט ווערען. די עקזעקוטיווע האָט אָבער ניט געוואָלט קומען צו דער קאָנווענשאָן בעטען א הוספה אויפ'ן סאַניטאַריום פאָנד. זי האָט געפונען א מיטעל אי צו פערגרעסערן דעם סאַניטאַריום פאָנד פאר'ן נעקסטען יאָהר, אז די דיוס פון די מיטגליעדער זאָלען

ניט דארפען פערגרעסערט ווערען. זי רעקאָמענדירט נעמ־ליך, אז עס זאָל פון דעם קאָנסאָמפּשאָן פאָנד טראַנספּערירט ווערען 5 סענט א קווארטאל פער מעמבער צו דעם סאַנאַטאָ־יום פאָנד. דער קאָנסאָמפּשאָן פאָנד האָט א ציעמליך גרויסען סורפּלוס און ער וועט גאַנץ גוט קענען דורכקומען, ווען מען זאָל פאר דעם קומענדען יאָהר אריבערטראָגען 5 סענט א קוואר־טאל פון איהם צו דעם סאַניטאַריום פאָנד.

אַן עהנליכע רעקאָמענדאַציאָן ווערט אויך געמאַכט פאר דעם עדיוקיישאָנאַל פאָנד. דער פאָנד פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע ליידט פון א כראָנישען דעפיציט. די סומע, וואס די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע קריעגט איז פיעל צו קליין פאר דער ארבייט, וואס זי דארף טהאָן און פאר די אויפגאַבען, וואָס זי דארף ערפילען. צוליעב דעם קליינעם בודזשעט, וואָס די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט, ליידט די גאַנצע ארבייט איה־רע. [illegible]ער בודזשעט פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע מוז אונ־[illegible]עדינגט פערגרעסערט ווערען, אָבער דאָס קען געטהאָן ווע־[illegible]ען אָהן צו פערלאַנגען א הוספה ביי דער קאָנווענשאָן. דער „פריינד", וועלכער ווערט פערוואַלטעט פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע, האָט גראָד א סורפּלוס, און די עקזעקוטיווע רעקאָ־מענדירט דעריבער צו דער קאָנווענשאָן, אז זי זאָל בעשליסען, דאָס דער סורפּלוס פון „פריינד" זאָל קענען בענוצט ווערען פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע פאר עדיוקיישאָנאַל ארבייט. די קאָנווענשאָן וועט זיכער די רעקאָמענדאַציאָן אָננעהמען. זי איז לאָגיש און פּראַקטיש.

---

אַיין סענט וועט די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע דאָך בעטען ביי דער קאָנווענשאָן, און דאָס איז פאר אי־דישע ארבייטער רינג שולען.

אַיין סענט

צוויי קאָנווענשאָנס פון ארבייטער רינג, איינע נאָך די אַנ־דערע האָבען אָנגענומען רעזאָלוציאָנען צו גונסטען פון אידישע ארבייטער רינג שולען. די לעצטע קאָנווענשאָן האָט זאָגאַר אינסטרואירט די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע, אז זי זאָל אָנפאַנ־גען גרינדען אזעלכע שולען. די קאָנווענשאָן האָט אָבער פער־געסען, אז אום צו גרינדען שולען דארף מען האָבען כאָטש א ביסעל געלד, אויב ניט א סך. א רעזאָלוציע, א גאַנץ וואַרימע רעזאָלוציע האָט די קאָנווענשאָן אָנגענומען, אָבער געלד האָט זי פערגעסען צו געבען.

ווע, די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט זיך אָבער גענומען צו דער ארבייט דורכצופיהרען דעם בעשלוס פון דער קאָנווענ־שאָן, האָט זי זיך געמעגט שטעלען די ערשטע פראַגע: וואו נעהמט מען געלד?

פון דעם אָרימען בודזשעט, וואס די עדיוקיישאָנאַל קאָ־מיטע האָט און דעם דעפיציט, וואס זי האָט בירושה, קען זי געוויס ניט מאַכען וועלכע [illegible] אידישע שולען. דער איינציגער מיטעל, וואס איהר איז געבליבען איז געווען אַרויסצושיקען א רעפערענדום צו די בראַנטשעס פון ניו יארק וועגען א טעקס. וואס די רעזולטאַטען פון דעם רע־פערענדום וועלען זיין איז נאָך אומבעשטימט. אָבער ווי [illegible] די רעזולטאַטען זאָלען ניט זיין, דארף מען ניט פערגעסען צוויי זאַכען. ערשטענס איז דער טעקס א פרייוויליגער און מען קען אויף איהם שטאַק ניט בויען. צווייטענס האַנדעלט עס זיך ניט בלויז וועגען ניו יארק. די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט די אויפגאַבע צו העלפען גרינדען אידישע ארבייטער־שולען א־[illegible] **כעראַל, וואו אזעלכע ווערען פערלאַנגט. די ארבייטער רינג**

ברענט[illegible] פון די קאָנטרי שטע[illegible] ווענדע[illegible] זיך צו דער עדיו־קיישאַנאַל קאָמיטע, אז זי זאָל [illegible] העלפען גרינד[illegible] [illegible]לען, אָבער די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע קען זיי איצט מיט קיין זאַך ניט העלפען, זי האָט קיין מיטע[illegible] ניט.

עס איז דעריבע[illegible] ניט מעהר [illegible] רעכט, אז [illegible] קאָנווענ[illegible] זאָל כאָטש בעזאָרגען די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע מיט וועלכען עס איז פאָנד, אז זי זאָל קענען אָנפאַנגען עטוואַ[illegible] טהאָן א[illegible] דער שול־פראַגע. די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע וועט דעריבע[illegible] [illegible]זנגען פון דער קאָנ[illegible]אָן, אז איין [illegible] פער מעמבער זאָל בעוויליגט ווערען פאר א פאָנד פון אידישע ארבייטער רינג שולען. דער פערלאַנג איז ניט מעהר ווי א גע־רעכטער און ער דארף בעוויליגט ווערען.

---

די פרויען האָבען געשטימט.

די פרויען פון ניו יארק האָבען צום ערשטען מאָל געשטימט. די ערזאַץ־וואַהלען פאר פיער קאָנגרעס לייט אין ניו יארק האָט זיי גע־געבען די געלעגענהייט צו בענוצען זיך מיט זייער שטימרעכט, וואָס זיי האָבען געוואונען דורך דעם רעפערענדום אין לעצטען נאָוועמבער.

די פרויען האָבען געשטימט פּונקט אזוי קלוג אדער פונקט אזוי נאַריש ווי די מענער. און דאָס איז דער שטאַרקסטער ארגומענט פאר פרויען שטימרעכט. אויב די מענער מעגען זיין אזוי דום צו שטימען פאר רעפּובליקאַנער און דעמאָקראַ־טען, טאָ ווארום זאָלען די פרויען ניט האָבען דיזעלביגע פריי־ווילעגיע? אויב די מענער האָבען דאָס רעכט ארויסצואווייזען זייער דומהייט ביים שטימקאַסטען, דאַן דארפען אויך די פרוי־ער האָבען דאָסזעלבע רעכט.

און ווען מיר האָבען אגיטירט פאר פרויען־שטימרעכט, האָבען מיר גאַנץ גוט געוואוסט, אז די פרויען וועלען ביים שטימ־קאַסטען זיין פּונ[illegible]ט אזוי קלוג אדער פונקט אזוי דום ווי די מע־נער. מיר האָבען ניט ערווארטעט, אז ווען די פרויען וועלען בעקומען שטימרעכט וועלען זיי אלע זיין אזוי קלוג און שטימען פאר סאָציאַליסטען. מיר האָבען קיין אורזאַכע ניט געהאַט צו האַלטען די פרויען קליגער פאר די מענער. די ערבאַהרונג פון אנדערע שטאַאַטען, וואו פרויען האָבען בעקומען פריהער שטימרעכט ווי אין ניו יארק, האָט אונז געלערענט, אז די פרויען אין אַלגעמיין זיינען אין פּאָליטיק קאָנסערוואַטיווער ווי די מע־נער. מיר האָבען דעריבער גאַנץ גוט געוואוסט, אז די פּאָלי־טישע טיילונג פון די פרויען וועט אין אַלגעמיין געהען אויף דערזעלביגער ליניע ווי פון די מענער, אפשר נאָך א ביסעל מעהר אויף דער קאָנסערוואַטיווער זייט. מיר זיינען אָבער דאָך געווען און וועלען אויך ווייטער זיין פאר פרויען שטימ־רעכט, ווייל מיר גלויבען, אז די פרויען דארפען האָבען דיזעל־ביגע פּאָליטישע רעכטען ווי די מענער און אז עס איז ניטאָ קיין גרונד און קיין בערעכטיגונג זיי צו בערויבען פון שטימ־רעכט, פון דעם רעכט וואָס די מענער האָבען שוין פון לאַנג.

עס איז מעגליך, אז דורך דעם וואָס פרויען האָבען גע־קראָגען שטימרעכט אין דעם שטאַאַט ניו יארק, וועט איינטרע־טען אויך א געוויסע צייט וועלכע עס איז רעאקציע אין דעם פּאָליטישען לעבען פון ניו יאר[illegible], פּונקט ווי עס האָט פּאַסירט אין קאַליפאָרניע. אָבער מיר גלויבען, אז פּונקט אזוי ווי די מע־נער וועלען מיט דער צייט פּאָליטיש קליגער ווערען, וועלען אויך די פרויען קומען צום שכל.

וויכטיג פאר אונז איז איצט, אז די ארבייטער פרויען.

# וואָס הערט זיך אין ארבּייטער רינג?

י. ב.:

קאַרגע 7 וואָכען זיינען פערבליבען ביז דער קאָנווענשאָן אין פּיטסבורג. און ווען דיזער נומער „פריינד" וועט ערשיינען וועט אויסבלייבען פיליבט 6 וואָכען און פיליכט וועניגער. יעדענפאַלס וועט א וואָך מעהר אָדער א וואָך וועניגער די לאַגע ניט ענדערען. איך מיין דאָ די רעזולטאַטען פון אונזערע צוויי קעמפּיינס: דער קעמפּיין פאַר א 25 טויזענד דאָלארדיגען פאָנד פאַר די מלחמה קרבנות און דער קעמפּיין פאַר די 10 טויזענד נייע מיטגליעדער. ביידע קעמפּיינס האָבען דערווייל[ע] ניט געבראַכט די געוואונשטע רעזולטאַטען. ביידע קעמפּיינס זענען ווייט פון די ציעלען, צו וועלכע מ'האָט געשטרעבט. און, פערשטעהט זיך, אז ס'זענען פאַראַן פיעלע מענשען, וועלכע גלייכען אימער צו כאַפּען פיש אין מוטנע וואסער און מען וועט טרייען ארויפוואַרפען די שולד אויף דעם אָדער יענעם, אויף די פערוואַלטונג, אויף דעם אָפיס א. ז. וו. פאַר דיזע עלעמענטען וועט אונזער מיסערפאָלג זיין ווי געוואונשען. אָבער פאַר מענשען אונפּאַרטייאישע, פאַר מעמבערס, וועלכע זענען בעקאַנט מיט דער איצטיגער לאַגע און זעהען זאַכען אין ריכטיגען שיין — פאַר דיזע מעמבערס אונזערע וועלען די רעזולטאַטען זיין גאַנץ ער.לעהרליך און בעגרייפליך.

ווען די נאַצ. אָרג. קאָמיטע האָט ארויסגעלאָזען אן אויפרוף צו די מעמבערס וועגען 10־טויזענד נייע מעמבערס פאַר דיזען יאָהר, האָט זי גאַנץ גוט געוואוסט, אז די אומשטענדען זענען היינטיגען יאהר זעהר און זעהר ניט קיין גינסטיגע פאַר אזא קעמפּיין. זי האָט ניט ערוואַרטעט, אז מיר וועלען ווירקליך קומען צום קאָנווענשאָן מיט 10 טויזענד נייע רעקרוטען אין ארבייטער רינג. אָבער דער קעמפּיין איז אן און פאַר זיך געווען א נויטווענדיגקייט און האָט געטהאָן די ארבייט, וועלכע מ'האָט ערוואַרטעט. ווי יעדער קעמפּיין, האָט דיזער פאַל מיטגעהאָלפען אויפצוּוועקען די מעמבערשיפּ און אריינגעבען זיי מוטה און ענערגיע. עס האָט ארויסגערופען א טיכטיגע טהעטיגקייט צווישען די ברייטע מעמבערשיפּ, צווישען די בראַנטשעס אין סיטי און דיסטריקט־קאָמיטעען און יעדע שטאָדט און שטעדטעל האָט בייגעשטייערט איהר טייל אויף וויפיעל עס איז געווען מעגליך אונטער די אומשטענדען. אויב די רעזולטאַטען זענען מאָגערע איז דאס נור די שולד פון די אלגעמיינע אומשטענדען. מען דארף ניט פערגעסען, אז דער דורכשניטליכער עלטער פון די נייע מעמבערס אין ארב. רינג פאַר די לעצטע יאָהרען איז געווען צווישען די יאָהרען פון 26 און 27. דאָס הייסט פון דעם עלטער פון קאָנסקריפּשאָן. דער גרעסטער טייל פון די אלטע, טיכטיגע מעמבערס פון ארב. רינג איז אויך אין דעם עלטער פון קאָנסקריפּשאָן. און אויב די טהוער, וועלכע דארפען פיהרען דעם קעמפּיין זענען אימער אונטער דעם קאָשמאַר פון ווערען געדרעפטעט אין יעדען אויגענבליק, און די, צו וועמען מען דארף זיך ווענדען און אריינציהען זיי אלס רעקרוטען, זענען אונטער דעם זעלבען דרוק, איז דאָך פערשטענדליך אז א סך אויפטהאָן האָט מען ניט געקענט. פערקעהרט, מען דארף זיך נאָך וואונדערען, וואס מענשען האָבען אונטער אזעלכע בעדינגונגען געהאַט נאָך גענוג מוטה און געטהאָן פיעל מעגליך פאַר אונזער אָרגאַניזאַציאָן. ווייל, ווי שלעכט עס זאָל ניט זיין, האָבען דאָך פיעלע בראַנטשעס אריינגענומען, פערהעלטניסמעסיג א סך נייע מעמבערס און דער קעמפּיין פיהרט זיך נאָך אָן איצט אויך מיט דעם פולען ברען און פייער. און ווער ווייס, פיליכט וועלען מיר נאָך ביז'ן קאָנווענשאָן הערען אזעלכע זאַכען, וועלכע וועלען אונז איבערראַשען. זאָלען די מעמבערס דאָס נעהמען אין אנבעטראַכט. פיליכט וועלען זיי זיין אימשטאַנדע צו ברענגען צו די דעלעגאַטען פון דער פּיטסבורגער קאָנווענשאָן אזא מתנה, וועלכע זאָל זיין דער גרעסטער און אנגענעהמסטער סורפּרייז, וואָס זיי האָבען נאָר געקענט ערוואַרטען.

---

דער קעמפּיין פאַר דעם 25 טויזענד דאָלאַר פאָנד פאַר די מלחמה קרבנות שטעהט היינט צו טאָג אין א סך א בעסערען צושטאַנד, ווי דער מעמבערשיפּ קעמפּיין, אבוואָהל מיר זענען נאָך ווייט פון דיזער סומע. דיזער קעמפּיין האָט געפונען אן אָבקלאַנג אין די ווייטעסטע מקומות, אין די פערוואָרפענסטע שטעדטלעך. און אויב מיר וואלען ניט האָבען די פולע 25 טויזענד, וועלען מיר דאָך יעדענפאַלס שאַפען אזא שעהנע סומע, מיט וועלכע מיר וועלען זיך זיכער ניט דאַרפען שעהמען. ווען דיזע צייִלען זיינען געשריבען געוואָרען איז אין אָפיס פאַראַן א סומע פון אריבער 10 טויזענד דאָלאַר. אָבער ניט אלע האָבען שוין דורכגעפיהרט די פאַרבערייטעטע אונטערנעהמונגען און ניט אלע בראַנטשעס האָבען אריינגעשיקט די געלדער, וועלכע זיי האָבען שוין ביי זיך. איבערהויפּט איז דאָס ריכטיג בנוגע ניו יאָרק. פיעלע ניו יאָרקער בראַנטשעס, כמעט די גרעסטע צאָהל פון זיי, האָבען געזאַמעלט אזעלכע סומען, וועלכע וועלען זיכער אויסמאַכען מעהר ווי 50 סענט פער מעמבער, דאָס הייסט מעהר ווי די קוואָטאַ, וועלכע די קאָנפערענץ פון די ניו יאָרקער בראַנטשעס האָט זיך געשטעלט אלס א מינימום. און דאָס איז זעהר ערפרעהענד. ווייל מען דארף ניט פערגעסען, אז דיזעלבע ארב. רינג מעמבערס האָבען געגעבען גאַנץ בעדייטענדע סומען אויך אין די אלע לאַנדסלייט פעראיינען פאַר זייערע געבורט־שטעדט, אין די יוניאָנס און אין אלע אנדערע אָרגאַניזאַציאָנען צו וועלכע זיי בעלאַנגען. די אלע געלדער, וועלכע קומען אריין דירעקט צו די פערשיעדענע רעליעף־פעראיינען קומען כמעט פון די זעלבע פאַקעטס. די ארב. רינג מעמבערס, וועלענדיג אָבער אויפהאַלטען דעם פרעסטיזש, דעם כבוד פון זייער אָרדען, שטעלען זיך ניט אָב פאַר קיינע פינאַנציעלע אָפּפערס, ווען דער ארב. רינג פאָדערט עס פון זיי. און זיי גיבען זייער חלק אויך דורך דעם ארב. רינג. און אין דעם אייגענטליך ליגט די קראַפט פון א קאַמפּיין און אין דעם בעשטעהט זיין גרויסע בעדייטונג. ער וועקט צו טהעטיגקייט, ער ערוועקט אלע שעהנע און נאָבעלע געפיהלען, וועלכע ווערען אביסעל איינגעשלאָפען אין דער גראָהער אטמאָספערע פון אלטעגליכען, וואָכעדיגען לעבען. און אויב די ציפערען אלס אזעלכע, וועלען ניט אנצייגען דעם פאָלשטענדיגען ערפאָלג פון קעמפּיין, וועלען אָבער די טהאַטען און די מאָראַלע ווירקונג ארויסשיינען אלס א גלענצענדער מאָנומענט פון א ברייטער, הערליכער אקטיוויטעט פון די ארבייטער רינג מעמבערס אין די יאָהרען 1917־1918.

---

אויב מיר קענען ניט פערנעהמען צופיעל פּלאַץ אויסצו־

---

וועלכע סימפּאַטיזירען מיט דער סאָציאַליסטישער בעוועגונג, זאָלען זיך קענען בענוצען מיט דער פּאָליטישער גלייכבערעכטיגונג, וואָס די פרויען האָבען געוואונען. עס דאַרף איצט אָנגעפיהרט ווערען א מעהר ענערגישע נעטשוראַליזיישאָן ארבייט. ווען א פערהייראַטהער ארבייטער, וועלכער שטעהט מיט דער סאָציאַליסטישער בעוועגונג, ווערט איצט א בירגער, מיינט עס צוויי שטימען פאַר דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. און עס ליעגט איצט אויף די פרויען א דאָפּעלטע פליכט צו זאָרגען, אז זייערע מענער זאָלען ווערען בירגער, ווייל דורך דאָס בירגער־רעכט פון זייערע מענער בעקומען זיי אויך בירגער־רעכט און דערמיט אויך דאָס רעכט צו שטימען.

רעכענען מיט אלע איינצעלהייטען די פערשיעדענע טהעטיגקייטען פון אלע אונזערע ברענטשעס אין דיזען קעמפיין, קענען מיר אבער מיט שטאלץ זאגען, אז די ארבייט פון איינינגע שטעדט איז געווען א מוסטערהאפטע און א מערקווירדיגע. די „גאלדענע בלעטער”, וועלכע מיר וועלען האבען אין אונזער „פריינד” וועלען פערוויגען דיזע פיאנירען פון אונזער ארגאניזאציאן און זיי וועלען דיענען אלס א מוסטער פאר די איבריגע מעמבערס און ברענטשעס. אין איינינגע ברענטשעס זיינען אזעלכע סומען קאלעקטירט געווארען, וועלכע מאכט אויס אזוי הויך, ווי 4 דאלאר פער מעמבער. און דאס איז גרויס גענוג.

---

אונזערע פריינדע פון דולוטה פראטעסטירען אין די טעגליכע צייטונגען, וואס די ארטיגע אידישע שוהל האט זיי ניט ערלויבט צו מאכען ביי זיך אן אונטערנעהמונג פאר די מלחמה קרבנות. מיר פערשטעהען זייער פראטעסט. מיר בעגרייפען די געפיהלען, וועלכע בעוועגען זיי צו שרייבען וועגען דעם אין די צייטונגען. מיר פערשטעהען אבער ניט דעם שכל צו קלאגען זיך פאר דעם קאזאק אויף די רציחות פון קאזאק. זיי האבען געשיקט א פראטעסט אויך אין דעם „טאגעבלאט”, און פערשטעהט זיך, אז ביי דיזער צנועה זענען גאר אונזערע פריינדע די אומגערעכטע. ערשטענס פערגיסט דיזע היפאקריטקע א פאר קראקאדילען־טרעהרען אויף דעם, וואס אין אזא הייליגער ארבייט פון רעליעף איז ניטא קיין אחדות. און וואס אנבעלאנגט דעם פראטעסט, דרוקט זי איהם ניט, נאר גיט צו, אז די שוהל־אידען זיינען גערעכט. ווארום ווער ווייס, מאלע וואס געגאסען קענען זיך ערלויבען אבטהאן אין א שוהל. זיי וועלען זינגען לידלעך, וואס עס פאסט ניט פאר אזא מקום קדוש א. ז. וו.

וועגען דער איינינקייט אין רעליעף ארבייט ווילען מיר זאגען, אז וועגען דעם האט די „טאגעבלאט” געמעגט זאגען א פאר מוסר ווערטער צו איהרע צאן קדשים, אבער ניט צו די ראדיקאלען. אונזערע ארב. רינג מעמבערס זיינען אומעדום געווען די איניציאטארען פון יעדער רעליעף ארבייט און זיי האבען אימער געטרייט צו פעראייניגען אלע עלעמענטען אויף דיזען געביט. זיי פלעגען אבער טרעפען שטערונגען אויף יעדען שריט און טריט מצד דיזע ארטאדאקסישע עלעמענטען, וועלכע האבען געטרייט צו שניידען די פרוכט פון פרעמדע ארבייט. וואס אנבעלאנגט טאקט און אויפפיהרונג, וואלטען מיר געראטהען דעם שרייבער פון דיזער צייטונג צו בעזוכען געוויסע ברענטשעס פון די קאונטרי שטעדט און ער וואלט פיעלעס, פיעלעס פון זיי געלערענט סיי אין זינען פון טאקט, סיי אין זינען פון אנשטענדיגקייט.

---

איינינגע מעמבערס פרעגען אונז וועגען דער שטעלונג, וואס די ארבייטער רינג קאנווענשאן וועט נעהמען אין דער פאלעסטינא־פראגע. זיי דענקען, אז די פראגע איז איצט א ברענענדע און אן ארגאניזאציאן ווי דער ארב. רינג מוז נעהמען א געוויסע שטעלונג. איך וויל ניט זיין קיין נביא און פאראויסזאגען, אויב די קאנווענשאן וועט האנדלען איבער דיזער פראגע און וואס פאר א שטעלונג זי וועט נעהמען, אבער נאך מיין פראסטען שכל און לויט אלע געזעצע פון לאגיק פון ארבייטער רינג דארף די קאנווענשאן קיין שטעלונג דערין ניט נעהמען. ווארום זאל די קאנווענשאן וועגען דעם האנדלען און אננעהמען א פאסענדען בעשלוס — וועט עס איינפאך הייסען ארויפציהען א שטריק אויף דער אייגענער האלז.

דער ארבייטער רינג איז שטארק און פעסט מיט זיין פאזיציאן אין דעם זין, וואס ער איז ניט קיין קלייזעל־ארגאניזאציאן, ער איז ניט קיין דירעקטער פערטרעטער פון דעם אדער יענעם ראדיקאלען פליגעל אדער דער אויסדריקער פון דער אדער יענער אידעע. דער ארב. רינג איז א „מעלטינג־פאט” פאר אלע הערשענדע ראדיקאלע אידעען. ער פעראייניגט אין זיך אלע עלעמענטען פון די פערשיעדענע סאציאליסטישע ריכטונגען; יעדע ריכטונג קען זיך געפינען אן אויסדרוק אין דעם אדער אן אנדערן ברענטש. די סאציאליסטען האבען סאציאליסטישע ברענטשעס, די סאציאליסטען־טעריטאריאליסטען גרינדען זייערע און די אנארכיסטען זייערע ברענטשעס. דאס זעלבע מיט די פועלי ציון. אלע ריכטונגען טרעפען זיך צוזאמען אויף דעם ברייטען וועג פון דער אלגעמיינער ראדיקאלער בעוועגונג און אויף דיזען וועג געהען אלע אין געשלאסענע רייהען. ווען אן ארב. רינג קאנווענשאן האט אמאל בעשלאסען צו שטיצען די רוסישע רעוואלוציאנערען האט מען געשטיצט דאן אלע רעוואלוציאנערע פארטייען. זאל אבער דער ארב. רינג, אלס א גאנצער, אננעהמען א שטעלונג אין דער פאלעסטינא־פראגע, וועגען וועלכע עס הערשט אזויפיעל מיינונגס־פערשיעדענהייטען און אונקלארהייטען, דאן וועט דיזע שטעלונג זיין א סיגנאל פאר אינערליכע קעמפפע אין ארב. רינג און אן אנפאנג פון צושפאלטונג און צושפליטערונג.

ניין, דער ארב. רינג טאר קיין שטעלונג אין דיזער פראגע ניט נעהמען, אויב ער וויל אנהאלטען איינהייט און הארמאניע אין זיינע רייהען. אן איינצעלנער ברענטש קען זיך בעשליסען, וואס ער וויל, ער קען זאגאר ארויפלייגען אויף זיינע מעמבערס א ספעציעלען טעקס פאר'ן פאלעסטינא פאנד. די מעמבערס, וועלכע וועלען ניט זיין איינפערשטאנגען מיט אזא טעקס וועלען זיך קענען טרענספערירען צו אזעלכע ברענטשעס, וועלכע זענען צוגעפאסט צו זייערע אנשויאונגען און אידעען. דערויף האבען מיר דאך טאקע פערשיעדענע ברענטשעס מיט פערשיעדענע טענדענצען. אבער די ארגאניזאציאן, אלס א גאנצע, דארף און מוז בלייבען נייטראל אין דיזער פראגע.

---

איינינגע מילוואקער פריינדע און איבערהויפט פריינד רובין, געוועזענער מעמבער פון נאצ. באארד אף דירעקטארען, זיינען זעהר אונצופריעדען מיט מיינע איינדריקע וועגען מילוואקי. פר. רובין קליימט, אז קומענדיג אויף א פאר שטונדען אין א שטאדט קען מען ניט קריגען די ריכטיגע איינדריקע, אבוואהל ער גיט צו „אז עס פאסירט, אז דער וואס קומט אויף א ווייל, זעהט א מייל.” איך האב קיינמאל ניט פרעטענדירט צו זעהן אזוי ווייט און איבערגעבען יעדע זאך אין פולען ליכט. איך האב עס אויסדריקלעך געזאגט אין מיין הקדמה צו די איינדריקע פון די פערשיעדענע שטעדט. איך גלויב אבער, אז איך האב דאך איבערגעכאפט די ריכטיגע קלאנגען און מיין אויג האט דאך בעמערקט די אלע ליכטיגע און טונקעלע זייטען פון אונזערע פערשיעדענע ברענטשעס אין די פערשיעדענע שטעדט. און איבערהויפט אין מילוואקי איז די זאך געווען לייכט. ווייל ביי דעם קורצען מיטינג, וואס מיר האבען געהאט צוזאמען זיינען די אלע פאקטען ארויסגעבראכט געווארען אזוי בולט, און די לאגע פון די ארב. רינג ברענטשעס אין מילוואקי, איז געמאהלט געווארען אזוי שווארץ, אז מ'האט דיזע שווארצקייט געקענט אנטאפען מיט די הענד. און מ'האט טאקי אייך, פר. רובין, בעשולדיגט אין די אלע צרות. איך וויל האפען, אז מיינע איינדריקע פון מילוואקי האבען געבראכט צו גוטע רעזולטאטען. און ווי איך האב געהערט איז די לאגע דארט איצט טאקע א סך א בעסערע. היינט וואצו איצט גריבלען זיך אין דער פערגאנגענהייט? „אלעס איז גוט, וואס ענדיגט זיך גוט”.

---

**פיער וואכען געבליבען ביז'ן קאנווענשאן — האט איהר שוין געטהאן אייער פליכט צו זיך און צו אייער ארדען און געהאלפען קריגען נייע מעמבערס ?**

---

צביון:

# ארבייטער רינג נאָטיצען

## אַן אייגענע היים פאַר'ן אַרבייטער רינג

אפשר איז עס דאָך צייט אָנצופאַנגען ערנסט ריידען וועגען אַן אייגענער היים פאַר'ן אַרבייטער רינג?

מיט אַן עלף יאָהר צוריק, ווען דער ארב. רינג איז נאָך געווען קליין, ווען ער האָט בלויז געקענט חלום'ען וועגען זיין איצטיגער גרויסקייט, איז מען אָהן פיעל דעבאַטען און דיסקוסיעס געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז אַן אייגענע היים פאַר'ן ארבייטער רינג איז אַ נויטווענדיגקייט. און די איבערצייגונג איז געווען אַ ריכטיגע, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס מיט עלף יאָהר צוריק, ווען דער אַרבייטער רינג איז נאָך ניט געווען אַזוי גרויס, איז די נויטווענדיגקייט פון אַן אייגענער היים ניט געווען אַזאַ דרינגענדע. די איבערצייגונג איז געווען ריכטיג דערמיט, וואָס אַזאַ אָרגאַניזאַציאָן, ווי דער אַרבייטער רינג, וואָס וואַקסט און ענטוויקעלט זיך, דאַרף האָבען אייגענע פיער ווינקעלעך, ניט לעבען אין שכנות און ניט זיין אָנגעוויזען אויף צופעלע.

נאָר דאָס וואָס עס איז קלאָר געווען מיט עלף יאָהר צוריק איז היינט ניט קלאָר, הגם די נויטווענדיגקייט פאַר אַן אייגענע היים איז פאַר דעם אַרבייטער רינג היינט געוואָרען אַ פיעל גרעסערע נויטווענדיגקייט.

נאָר דאָס איז ניט ריכטיג. איך גלויב, אַז עס איז איצט אויך קלאָר, דאָס אַן אייגענע היים איז אַ דרינגענדע נויטווענדיגקייט, מען האָט בלויז מורא. ווי זאָגט מען: ווען מען בריהט זיך אָב פון הייסע, בלאָזט מען אויף קאַלטע. דער אַרבייטער רינג האָט זיך איין מאָל אָבגעבריהט מיט אַן אייגענער היים, האָבען דעריבער פיעלע מורא גע ראָגען איבערהויפּט צו ריידען וועגען אַן אייגענער היים.

אָבער דאָס בלאָזען אויף קאַלטע, ווען מען פערבריהט זיך פון הייסע, איז ניט קיין גרויסער שכל. דעם דורכפאַל, וואָס מען האָט געמאַכט מיט דער ערשטער היים פון אַרבייטער רינג, לערנט אונז בלויז, אַז מען דאַרף זיין פאָרזיכטיגער אין קויפען ריעל עסטייט, וואס טויג ניט פאר'ן ארבייטער רינג. די הייזער, וואָס דער אַרבייטער רינג האָט געקויפט אויף ראָטגערס סטריט, זיינען בכלל ניט געווען קיין היים פאַר'ן אַרבייטער רינג. זיי האָבען געטויגט אויף אַלץ אין דער וועלט, נאָר ניט פאַר קיין היים פון אַרבייטער רינג. און ווען איך רייד היינט וועגען אַן אייגענער היים, מיין איך ניט, אַז מען דאַרף זוכען צו קויפען הייזער פאַר אַ מציאה, צו וועלכע מען זאָל דאַרפען שפּעטער צו־לעגען עטליכע טויזענד דאָלאַר אַבי פון זיי פּטור צו ווערען, נאָר, אַז מען זאָל בויען אַ הויז, וואָס זאָל זיין פון אָנפאַנג אָן אויסגערעכענט און געפּלאַנט אַלס אַן אָפיס פאַר דעם אַרבייטער רינג, וואו ער זאָל האָבען אַלע נויטיגע בעקוועהמליכקייטען, און וואָס זאָל זיין אַ צענטער פאַר דער ברייטער און פיעל זייטיגער טהע־טיגקייט פון אַרבייטער רינג אין ניו יאָרק, וואו כמעט אַ העלפט פון די מיטגליעדער פון אַרבייטער רינג געפינען זיך.

איך נעהם זיך ניט אונטער אין דעם מאָמענט אויסצורעכענען אויב דעם אַרבייטער רינג וועט קאָסטען ביליגער צו האָבען אַן אייגענע היים, איידער צו לעבען אין שכנות. איך גלויב ניט, אַז עס וועט איהם קאָסטען ביליגער, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס ער צאָהלט איצט אַ גאַנץ בעדייטענדע סומע פאַר רענט, אָבער עס געהט דאָך ניט אין דעם, אויב דעם אַרבייטער רינג וועט קאָסטען מיט עטליכע הונדערט דאָלאַר אַ יאָהר ווענינער אָדער מעהר, עס האַנדעלט זיך וועגען אַ היים פאַר'ן אַרבייטער רינג, וועגען אַ צענטער פאַר דעם גרעסטען אידישען אַרבייטער אָרדען אין אַמעריקאַ, וואָס זאָל אַרום זיך קאָנצענטרירען די טהעטיגקייט פון זיינע הונדערטער ברענטשעס און וואָס זאָל ווע־רען אַ ווירקליכער מיטעלפּונקט פון אויפקלערונג און אָרגאַ־ניזאַציאָן.

דער אַרבייטער רינג וואַקסט און ענטוויקעלט זיך. עס ווערען געשאַפען נייע אינסטיטוציעס אין אַרבייטער רינג און עס וואַקסען זיינע אויפגאַבען, עס פעהלט איהם אָבער אַ צענטער, וואו אַלעס זאָל קאָנצענטרירט ווערען און סיסטעמאַטיזירט ווערען, כדי די אַרבייט זאָל קענען געטהאָן ווערען מיט דעם נויטיגען ערפאָלג, אַז זי זאָל זיך אָנזעהן און אַז מען זאָל פון איהר וויסען.

קליינע אָרגאַניזאַציאָנען האָבען אויסגעבויט לייבאָר לייסעאומס, ברענטשעס פון אַרבייטער רינג, ברענטשעס פון דער סאָציאַליסטישער פאַרטיי, אָרעם אין מיטעל און אין קרעפטען, האָבען אייגענע היימען פאַר זיך געבויט, בלויז דער גרויסער, רייכער אַרבייטער רינג איז היימלאָז.

די איסט סייד, וועלכע איז נאָך אימער דער צענטער פון דער אידישער אַרבייטער בעוועגונג, נויטיגט זיך אין אַן אַרבייטער היים, און די איינציגע אָרגאַניזאַציאָן, וואָס קען און דאַרף בויען אַזאַ היים איז דער אַרבייטער רינג. ווען דער אַרבייטער רינג זאָל אויסבויען פאַר זיך אַ פּאַסענדע הויז אויף דער איסט סייד, וועט דאָס דאָזיגע הויז ווערען דער ווירקליכער צענטער פון דער אידישער אַרבייטער בעוועגונג אין ניו יאָרק. אויב איהר ווילט זיין דער אַרוועטרייזמענט אַליין ווערטה זעהר פיעל, אונגעהויער פיל, מיט געלד ניט צו בעצאָהלען און אַ שעהנער, גוטער אַדווערטייזמענט דערצו.

אַן אייגענע, בעקוועמע היים וועט פערבינדען שטאַרקער און פעסטער די איינצעלנע ברענטשעס פון אַרבייטער רינג מיט דער צענטראַלער פערוואַלטונג, ווענינגסטענס די, וועלכע געפינען זיך אין ניו יאָרק. פיעלעס וואָלט געקענט דורכגעפיהרט ווערען, ווען מיר וואָלטען אַן אייגענעם צענטער געהאַט.

איך וועל דאָ ניט אויסרעכענען וואָס עס וואָלט געקענט אויפגעטהאָן ווערען, ווען דער אַרבייטער רינג וואָלט אַן אייגענע היים געהאַט. עס איז דעם מאָמענט דאָס ניט נויטיג. מען דאַרף ניט כאַפּען די פיש פאַר'ן נעץ און מען דאַרף איצט ניט דיסקוטי־רען וואָס פאַר אַ קאָרנער דער בנין וועט האָבען, ווען דער פונדאַ־מענט איז נאָך ניט געלעגט.

מיין צוועק איז דאָ בלויז פון דאָס ניי אויפצוואַועקען די אַלטע איינגעשלאָפענע פראַגע, זי אויפצומינטערען, אַז די ברענ־טשעס און די מיטגליעדער פון אַרבייטער רינג זאָלען ווידער אָנפאַנגען ריידען וועגען איהר, אפשר וועט מען זיך דאָך ווען עס איז דעררעדען, ווערום דאָס ווייטער ווערט אַלץ קלערער, אַז אַן אייגענער היים פאַר'ן ארבייטער רינג איז אַ דרינגענדע נויט־ווענדיגקייט.

---

## די קאַפּריזען פון פאָלק.

די שווערסטע זאַך איז צוצוטרעפען די פערלאַנגען און די קאַפּריזען פון פאָלק. די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע וואָלט גע־ווען אַ סך ערפאָלגרייכער אין איהר אַרבייט, ווען זי וואָלט גע־קענט אויסשטודירען די קאַפּריזען פון דער גרויסער מיטגליע־דערשאַפט פון אַרבייטער רינג.

די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע בעשליסט וואס דאָס פאָלק דאַרף, אבער אפט שטימט ניט דאָס „דאַרפען" מיט'ן „וועלען". על פי שכל קומט אויס, אַז דאָס פאָלק דאַרף עס וועלען און דאַרף צופריעדען זיין, קומט אָבער דאָס פאָלק און זאָגט, אַז עס וויל ניט אדער ריכטיגער, דאָס פאָלק קומט גאָר ניט, און דאָס איז דער בעסטער צייכען, אַז מען האָט איהם ניט צוגעטראָפען.

דער שכל איז מחייב, אַז דאָס פאָלק, דאַרף וועלען פרייע לעקטשורס. ווען דאָס פאָלק צאָהלט געלד צו הערען לעק־טשורס, דאַרף עס דאָך צו אומזיסטע לעקטשורס געוויס וועלען געהן. בעשליסט דעריבער די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע צו גע־בען אומזיסטע לעקטשורס און קלייבט אויס פאַר דעם צוועק

די פּאָפּולערסטע אידישע לעקטשורערס פון ניו יאָרק. און צו דער לעקטשור גיט מען נאָך צו א פּאָר גוטע מוזיקאַלישע נומערען, אדווערטייזט אין „פאָרווערטס" מיט גרויסע ווערטער, אז דער עולם זאָל קומען, און דער רעזולטאַט איז, אז דער לעקטשורער האָט טאַקע א פולען האָל, אָבער לעדיגע טשערס...

נאָר אפשר וויל דער עולם איבערהויפּט מעהר ניט בעזוכען קיין לעקטשורס? אפשר האָט דער עולם זיך שוין אַלעס אויסגעלערענט, אז ער דאַרף מעהר קיין לעקטשורס ניט בעזוכען? איז עס אָבער ניט אזוי. דער עולם בעזוכט יאָ לעקטשורס. און טאַקי דיזעלביגע לעקטשורערס, וואָס האָבען אויף די פריע לעקטשורס פון ארב. רינג געהאַט לעדיגע האָלס, האָבען גראָד פולע האָלס, ווען מען דאַרף צאָהלען 10 אָדער 15 סענט איינטריט, און אָהן מוזיקאַלישע נומערען אלס ביילאַגע.

דער עולם, ווי עס שיינט, איז ניט קיין בעלן אויף מתנות. דער עולם האָט ליעב מציאות, אָבער ניט קיין מתנות. איך שטעל מיר פאָר, ווען קארוסאָ זאָל אָנפאַנגען געבען קאָנצערטען אומזיסט, וואָלט ער אין א גאַנץ קורצער צייט זיך „ארויפּגעארבייט" אויף פּוסטע האָלס.

די קאָונטרי בעקלאָגט זיך, אז עס איז איצט שווער צו קריגען לעקטשורערס און די מיטגליעדער פון ארבייטער רינג וואָלטען זיך וועלען בילדען, לערנען. פאַלט די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע איצט אויף א שכל צו געבען יעדען מיטגליעד פון ארבייטער רינג די מעגליכקייט צו האָבען לעקטשורס ביי זיך אין הויז. זי לאָזט דרוקען קורסען פון לעקטשורס איבער פּאָליטישע עקאָנאָמיע, פיזיאָלאָגיע און געאָלאָגיע פון קאָמפּעטענטע לעקטשורערס און שלאָגט זיי פאָר צו די מיטגליעדער פון ארבייטער רינג פאר א שפּאָט־ביליגען פרייז. ווער עס וויל זיך לערנען, האָט דורך די געדרוקטע קורסען אן אויסגעצייכנעטע געלעגענהייט. יעדער וואָס בעשטעלט די לעקטשורס, קען שרייבען צו די לעקטשורער, ווען ער פערשטעהט עטוואס ניט און ער וועט בעקומען אן ענטפער אויף יעדע פראַגע. האָט די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע גערעכענט, אז דיעזע אונטערנעהמונג וועט זיין א ריעזיגער ערפאָלג, לאָזט זיך אָבער אויס, אז דערווייל איז דער ערפאָלג ניט בלויז קיין ריעזיגער, נאָר ער איז נאָך קלענער, ווי מיטעל.

וואָרום ווילען די מיטגליעדער פון ארבייטער רינג זיך ניט בענוצען מיט דער גוטער געלעגענהייט, וואָס עס ווערט זיי געגעבען? — זעהר שווער צו ערקלערען. דאָס פאָלק האָט זיך זיינע קאַפּריזען, זיינע פערלאַנגען און זיין קוק אויף זאַכען. מען דאַרף שטודירען די קאַפּריזען פון פאָלק אום איהם צו קענען צוטרעפען.

א קאָמפּליצירטע בעשעפעניש דאָס פאָלק.

---

## דעמאָקראַטיע און ליבעראַליזם.

מיר האָבען א סך דעמאָקראַטיע אין ארבייטער רינג אבער עס פעהלט אונז מאַנכעס מאָל ליבעראַליזם.

דעמאָקראַטיע מיינט די הערשאַפט פון פאָלק. דאָס גאַנצע פאָלק קען אָבער ניט זיין אַלע מאָל מיט איין מיינונג, דאס גאַנצע פאָלק קען ניט זיין אימער איינשטימיג וועגען יעדער פראַגע, עס מוז דעריבער הערשען די מאַיאָריטעט פון פאָלק. אחרי רבים להטות — מאַדזשאָריטי רולז, איז א גרונד־פּרינציפּ פון דעמאָקראַטיע. דיעזע דעמאָקראַטיע האָבען מיר אין זעהר פולער מאָס אין ארבייטער רינג. ליבעראַליזם פאָדערט איבער טאָלעראַנץ צו דער מיינונג פון דער מינאָריטעט. די מינאָריטעט קען ניט הערשען, דאָס וואָלט זיין געגען דעמאָקראַטיע, אבער די מאַיאָריטעט דאַרף ניט צווינגען די מינאָריטעט, אז זי זאָל האַנדלען געגען איהר געוויסען.

יעדע אָרגאַניזאַציאָן האָט איהרע גרונד־פּרינציפּען און יעדער מיטגליעד, וואָס טרעט אריין אין אן ארגאַניזאַציאָן, האָט דערמיט ערקלערט, אז ער שטימט איין מיט איהרע גרונד־פּרינציפּען, און ער דאַרף האַנדלען אין זייער גייסט.

איינער פון די גרונד־פּרינציפּען פון ארבייטער רינג איז, די אנערקענונג פון סאָציאַליזם. דיעזער גרונד־פּרינציפּ ווערט ערקלערט יעדען נייעם מיטגליעד וואָס טרעט אריין אין ארבייטער רינג. די אנערקענונג פון סאָציאַליזם איז איינע פון די הויפּט־בעדינגונגען פאַר יעדען מיטגליעד פון ארבייטער רינג. דעריבער דאַרפען אַלע בעשלוסע פון די בראַנטשעס פון ארבייטער רינג, וועלכע זיינען אין סאָציאַליסטישען גייסט, זיין בינדענד פאַר די מיטגליעדער ניט בלויז געזעצליך נאָר אויך מאָראַליש. ווען א מיטגליעד פון ארבייטער רינג איז ניט קיין סאָציאַליסט, קען ער ניט האָבען קיין טענות, אז די סאָציאַליסטישע בעשליסע פון זיין בראַנטש אונטערדריקען זיין געוויסען־פרייהייט. ער האָט פאָראויס געוואוסט, אז ער געהט אריין אין אן ארגאַניזאַציאָן, וועלכע אנערקענט דעם סאָציאַליזם, ער האָט, אַלזאָ, פרייוויליג אָנגענומען זיך אונטערצואוואַרפען די סאָציאַליסטישע בעשליסע פון זיין ארגאַניזאַציאָן.

ווען אָבער אין א בראַנטש פון ארבייטער רינג האָט זיך פּלוצים די מאַיאָריטעט בעקעהרט צום ציוניזם און דער בראַנטש פאַנגט אָן אָנצונעהמען ציוניסטישע בעשליסע, דאַן קען קומען די מינאָריטעט מיט א טענה, אז מען צווינגט זיי צו האַנדלען געגען זייער געוויסען.

פאָרמעל האָט די מאַיאָריטעט דאָס רעכט צו פאָדערען, אז די מינאָריטעט זאָל זיך אונטערוואַרפען אַלע איהרע בעשליסע. זי קען זאָגאַר זאָגען, אז אזוי פאָדערט די דעמאָקראַטיע. די מינאָריטעט אָבער קען ענטפערען, אז דאָס איז א דעמאָקראַטיע, וועלכע ווידערשפּרעכט דעם גרונד־פּרינציפּ פון ליבעראַליזם, וואָס פאָדערט, אז די מאַיאָריטעט זאָל טאָלערירען די איבערצייגונגען פון דער מינאָריטעט און זאָל ניט אָננעהמען אזעלבע בעשליסען, וועלכע צווינגען די מינאָריטעט צו האַנדלען געגען איהר געוויסען. און יעדע אמת'ע דעמאָקראַטיע האַלט זיך פאַר דיעזען גרונד־פּרינציפּ פון ליבעראַליזם.

עס קען אויך זיין אן אנדער פאַל. א בראַנטש פון ארבייטער רינג בעשליסט צו האָבען א אידישע שול און טעקסען פאַר דעם צוועק זיינע מיטגליעדער. אין בראַנטש זיינען אָבער פאַראַן אזעלכע מיטגליעדער, וועלכע זיינען אויסגעשפּראָכענע, איבערצייגטע קאָסמאָפּאָליטען, וועלכע זיינען לויט זייערע איבערצייגונגען געגען אידישע שולען. אזעלכע מיטגליעדער דאַרפען ניט געצוואונגען ווערען צו צאָהלען דעם טעקס, ווען זיי בעהויפּטען, אז דאָס איז געגען זייער געוויסען. עס פערשטעהט זיך, אז אין אזעלכע פעלע דאַרף מען נאָכזובען אויב די טענה פון „געוויסען" איז ניט בלויז א גוטער אויסרייד זיך צו בעפרייען פון טעקס.

מען קען אפשר זאָגען, אז צוליעב דיסציפּלין און פון אן אָרגאַניזאַציאָנס־שטאַנדפּונקט איז עס ווינשענסווערטה, אז יעדער בעשלוס פון א בראַנטש מוז אויסגעפאָלגט ווערען פון אַלע זיינע מיטגליעדער, און אויב ווער עס איז בעהויפּטעט, אז דער בעשלוס איז געגען זיין געוויסען, האָט ער א ברירה ארויסצוטרעטען פון בראַנטש און אריינטרעטען אין אן אַנדערען. דאָס איז אָבער ניט ריכטיג. ווען איינער איז פערבונדען מיט אן אָרגאַניזאַציאָן, וואו ער האָט זיינע פריינד און בעקאַנטע, דאַרף מען איהם ניט שטעלען אין א לאַגע, אז ער זאָל די אָרגאַניזאַציאָן זיין געצוואונגען צו פערלאָזען. דערצו ווי איז עס, אז אין אן אָרט איז בלויז פאַראַן איין בראַנטש פון ארבייטער רינג? דאַן קען מען דאָך שוין ניט זאָגען, אז ער זאָל ארויסטרעטען פון בראַנטש. אמת, ער קען ווערען א „מעמבער עט לאַרדזש", אָבער דאָס איז גאָר ניט אזוי איינפאַך. דער ארבייטער רינג אַלס גאַנצער וויל אויסמיידען צו האָבען מעמבערס עט לאַרדזש, וואו זיי קענען זיין מיטגליעדער אין א בראַנטש, און ער האָט אויך רעכט. פון מעמבערס עט לאַרדזש האָט דער אָפּיס מעהר צער ווי נחת. דערצו דאַרף מען ניט פערגעסען, אז ניט יעדער איינער וויל זיין א מעמבער עט לאַרדזש, ווען מען זאָל עס איהם אפילו ערלויבען. ער וויל בעסער געהערען צו אן אָרגאַניזאַציאָן אין דעם אָרט וואו ער לעבט. אן אָרגאַניזאַציאָן איז א בענעפיט פאַר א מענשען, און קיינער דאַרף פון דעם בענעפיט ניט בערויבט ווערען.

דער פּרינציפּ „מאַדזשאָריטי רולז" אין ארבייטער רינג דאַרף דעריבער האָבען זיינע געוויסע גרענעצען, ווייל ניט אימער איז ער ווירקליך אמת דעמאָקראַטיש. ווען ער צווינגט אימיצען צו האַנדלען געגען זיין געוויסען און געגען זיינע איבערצייגונגען, וועלכע שטעהען אויסער די ראַהמען פון דער קאָנ־

סטיטוציע פון ארבייטער רינג, דאַן איז דער פּרינציפּ „מאַדזשאָריטי רולז״ אנטי־דעמאָקראַטיש, ער איז דאַן געגען דעם גרונד־פּרינציפּ פון ליבעראַליזם און א ווידערשפּרוך צו אמת׳ע דעמאָקראַטיע.

איך גלויב דעריבער, אַז קיין מאַיאָריטעט פון א ברענטש פון ארבייטער רינג קען ניט צווינגען די מינאָריטעט זיך בעקעהרען צום ציוניזם און צו צאָהלען שקל, ווען די מינאָריטעט בעהויפּטעט, אז דאָס איז געגען איהרע איבערצייגונגען און געגען איהר געוויסען. און איך גלויב, אַז דאָס איז אזוי קלאָר און פערשטענדליך, אז עס קענען אפילו וועגען דעם קיינע צוויי מיינונגען ניט זיין.

---

## אנערקענונג צו איינעם, וואָס האָט עס פערדיענט.

אין ברענטש 7 פון וועסט האָבאָקען האָט פּאַסירט עטוואס אזוינס, וואס אַלע מיטגליערער פון ארבייטער רינג דארפען עס וויסען.

איינער פון די טהעטיגסטע מיטגליעדער פון ברענטש 7, א שניידער, איז דורך א שפּאס פון דעמאָקראַטישע פּאָליטישענס ערוועהלט געווארען אלס דזשאָסטים אָוו דהי פּיעס. דער שניידער האָט נעמליך א סטאָר, וואס אין די צייט פון די וואהלען ווערט זי פון שטאָדט געדונגען אלס א שטים־פּלאַץ, און דער באַלעבאָס פון דער סטאָר איז דעריבער געווארען א גוט בעקאנטע פּערזאָן אין וועסט האָבאָקען. די דעמאָקראַטען האָבען זיך גראָד ניט געקענט צוקלייבען קיין קאַנדידאט פאַר דזשאָסטים אָוו דהי פּיעס, האָבען זיי געמאַכט א שכאס און האָבען ארויפגעשטעלט דעם שניידער אויף זייער טיקעט, און ער איז טאַקי ערוועהלט געווארען.

א ביסעל שפּעטער זיינען פּארגעקומען וואהלען אין ברענטש פאר א טשערמאַן, וועלכער ווערט ערוועהלט פאר א יאָהר צייט. דער דזשאָדזש איז געוועןן איינער פון די קאַנדידאטען, און ער איז ערוועהלט געווארען. אָבער גלייך נאָכדעם, ווי ער איז ערוועהלט געווארען, איז אין ברענטש אַוועקגעשטעלט געווארען די פראגע, אויב איינער, וואס איז ערוועהלט געווארען אלס דזשאָדזש אויף דעם טיקעט פון דער דעמאָקראַטישער פּארטיי, קען זיין א טשערמאַן פון ארבייטער רינג. עס איז פאר דעם צוועק גערופען געווארען א ספּעציעלער מיטינג און נאָך א לענגערע דעבאטע איז בעשלאָסען געווארען, אז מען זאָל דעם דזשאָדזש לאָזען וויסען, אז ער קען אויסקלייבען איינס פון די צוויי: אויב ער וויל בלייבען טשערמאַן פון ברענטש, דאַן דארף ער רעזיגנירען פון זיין אמט אַלס דזשאָדזש, אדער אויב ער וויל בלייבען דזשאָדזש, דאַן דארף ער רעזיגנירען אַלס טשערמאַן.

דער דזשאָדזש האָט אויסגעקליבען דאָס ערשטע. ער האָט רעזיגנירט אלס דזשאָדזש, כדי צו בלייבען טשערמאַן פון ברענטש.

ברענטש 7 מעג מיט אזא טשערמאַן ווירקליך שטאָלצירען.

---

נפתלי: **קאָנווענשאָן-פּראַגען** (פעליטאָן)

אַ שטילע ערב־קאָנווענשאָן — מיט וואס פערנעהמט מען אַכט זיצונגען? — גלגול מחילות פון צוויי וויכטיגע פראגען. — אידישיסטען וואס פערגעסען דעם ריכטיגען פּסוק. — א נייער בגד מיט אַלטע לאַטעס. — א קאָנסטיטושאָן וואס פערלירט געוויכט. — ווי אזוי מען טהוט אָרגאַניזאציאנס־ארבייט. — פרייע לעקטשורס אָבער אָהן אן עולם. — א פּראָטעסט רעזאָלוציע געגען יקרות. — דארף מען א קאָנווענשאָן פאר נייע בענעפיטס? — וואס טהוען אונזערע "עקספּיריענסד דעלעגאטען" מיט די קאָמיטע בעריכטען און בעגריסונגס רעדען? — אַ שוואַכער מיטעל ווי אזוי צו מאַכען אונזערע אידען פּאַר אויס דעלעגאטען.

---

ניטאָ אמאָליגע יאָהרען.

אמאָליגע יאָהרען איז ביי אונז גאַנץ אַנדערש געווען, ווי נור מיר פלעגען אָב׳פּטר׳ן דעם אלטען יאָהר און די בעשליסע פון פאָריגען קאָנווענשאָן זיינען מיט דעם אָנפאַנג פון נייעם יאָהר אריין אין קראַפט, זיינען שוין אונזערע מוחות געווען פערנומען מיט נייע „קאָנווענשאָן־פּראַגען״. און ווער ס׳האָט נור געהאט גאָט אין הארצען, א פּעדער אין האַנד, און עטליכע פלענער אין קאָפּ, האָט ער דאָס געהאלטען פאַר זיין הייליגער פליכט צו פערנעהמען עטליכע קאָלומס אין „פריינד״ און דרעהען אונז א ספּאָדיק וועגען „פראגען מיט וועלכע די נעקסטע קאָנווענשאָן וועט זיך זיכער מוזען בעשעפטיגען.

ס׳איז אמת, אז ניט אַלע מאָל האָבען זי אונזערע קאָנווענשאָנס זיך פאַרנומען מיט פראגען וועלבע זיי האָבען זיך „געמוזט״ בעשעפטיגען, אָבער אונז איז דערפון קיין דעה ניט ארויסגעקומען.

ווער געדענקט ניט די צייט פון ערב א קאָנווענשאָן? די קאָלומס פון „פריינד״ פלעגען זיין פול מיט קאָנווענשאָן. די „פּראַגען, מיט וועלכע די קאָנווענשאָן וועט זיך מוזען בעשעפטיגען,״ פלעגען פערטרייבען פון „פריינד״ די „מוזיקאַלישע געשפּרעכען״ מיט און אָהן נאָטען, „קינדער ערציהונג״ אָדער „עלעקטריציטעט״.... די לופט פלעגט זיין אָנגעפילט מיט א דופּטיגען קאָנווענשאָן־ריח, אויפ׳ן הארצען איז געווען אזוי גוט, אזוי יום־טוב׳דיג, פּשוט א מחיה נפשות״...

און היינט?

דאַכט זיך שוין אַפּריל? האַ? סאַמע ערב קאָנווענשאָן, און ס׳איז ניט נאָר שא, שטיל. ס׳האָט נאָך קיינער קיין ווארט ניט געזאָגט, ס׳האָט נאָך קיין איין ברענטש ניט אריינגעשיקט קיין איינציגע רעקאָמענדיישאָן, און עס קומט אויס, גלייך ווי עס וואָלט גאָר קיין קאָנווענשאָן ניט געדאַרפט זיין.

און אפשר וואָלט טאַקע קיין קאָנווענשאָן ניט געדאַרפט זיין?

האָבען מיר דען ניט אין פערלויף פון דיעזען יאהר אָבגעטהאָן כמעט אַלעס, און אפשר נאָך מעהר ווי אַלעס וואָס מיר וואָלטען געקענט ביי א קאָנווענשאָן אָבטהאָן און זויפטהאָן?

האָבען מיר דען נייע אישום? איז דען דאָ ווער ס׳זאָל זיי בעשאפען?

און עס פרעגט זיך טאַקע מיט וואס וועלען מיר אויספילען גאַנצע אכט און אפשר ניין זיצונגען?

די גרויסע, שווערע, צונגעצויגענע פראַטוירנאַל־רייט פראַגע, וועלכע מיר האָבען ארומגעפיהרט פון שיקאַגאָ ביז בראָנזוויל און פון בראָנזוויל ביז בראָנקס, וואָס האָט ביי איין קאָנווענשאָן גאַנצע דריי זיצונגען פערנומען, ביי א צווייטע — צוויי זיצונגען אוועקגערויבט, און ביי א דריטע קאָנווענשאָן — איין זיצונג און שיער דעם באַנקעט איבערגעפיהרט, איז דאָך שוין אויסגעפיהרט, דורכגעפיהרט און איינגעפיהרט געוואָרען.

א צווייטע וויכטיגע פראַגע, וואָס האָט שוין אויך דורכגעמאַכט „גלגול־מחילות״ פון שיקאַגאָ ביז בראָנזוויל און בראָנקס, איז שוין. ברוך השם, ביי אונז אויך פאַרטיג און ערליידיגט. מיר מיינען דאָ די פראגע וועגען אידישע שוהלען איבער וועלכע אונזערע „אידישיסטען״ האָבען דאָס נעבאך געמוזט אזא שווערען און ביטערען קאמף פיהרען, אז זיי האָבען אזש פון גרויס אָנשטרענגונג פערגעסען אין דעם פּסוק „אם אין קמח אין תורה״, און ס׳איז זיי גאָר אין מחשבה ניט איינגעפאַלען, אז ווען מען

ווייל אידישע שוהלען האָבען, דאַרף מען אויך מיטלען פערזאָרגען.

•

און ווען אונזער עדיוקיישאַנאַל קאָמיטע וואָלט זיי נאָך יעצט ניט געבּאָהנט קיין דריי אדער פינף טענט וואָלטען זיי שוין לאנג געוועזען פערגעסען אַז זיי זיינען „אידישיסטען” און דאַרפען זייערע קינדער אין אידישע שוהלען שיקען...

און ווייל אונזער עדיוקיישאַנאַל קאָמיטע בעשטעהט דו:א ניט פון אַזעלכע הייסע אידישיסטען איז: אבי געזונד, אידישע שוהלען וועלען מיר שוין האָבען.

וועגען אונזער „פערוואַלטונגס־סיסטעם”, דאַכט זיך, וועלען מיר ביי דיעזער קאָנווענשאָן אויך גאָר ניט האָבען וואָס צו־טהאָן, מיר האָבען דאָך ערשט פאַר יאָהרען גענומען דעם גאַנץ נייעם בגד, וואס מיר האָבען אימפּאָרטירט פון דזשוירסי און איהם גאַנץ פיין אניסגעצירירוועט, געפיקסט און פערלאַטעט, און עס וועט נאָך זיכער מוזען נעהמען אַ יאָהר און אפשר גאַנצע צוויי, ביז מיר וועלען זיך ארומזעהן, אַז די לאַטע פּאַסט ניט פאַר דעם בגד. און אַזוי ווי מיר זיינען גוטע „לאַטוטניקעס” וועלען מיר שוין, מיט דער צייט, דיעזען בגד אַזוי לאַנג לאַטעווען ביז דער בגד וועט זיך אין גאַנצען מעהר ניט ארויסזעהן און ס'וועט פון איהם בלויז בלייבען איין גרויסע לאַטע...

וואָס אַנבעלאַנגט אונזער קאָנסטיטושאָן, דאַרף מען זי יעצט נאָך אויך ניט רעווידירען, ס'איז ערשט בלויז דריי יאָהר, אַז מען האָט איהר רעווידירט, שטודירט און רעפאָרמירט, זי איז ערשט פון דרוק ארויס אַן אויסגעפוצטע און אַן אויסגעצוואָגענע און שיינט ווי אַ חנ'עוודיגע כלה מיידעל... ס'וועט זיכער זיין פאַר איהר אַ סך געזונטער, אַז מען זאָל איהר יעצט ניט באַדערען. מיר קענען איהר צו־גוט, און מיר ווייסען וואָס פאַר אַ פינסטערען מזל זי האָט נעבאָך, קוים ריהרט מען זיך צו איהר צו, הייבט זי אָן פערלירען געוויכט, און עס פאַלט פון איהר פשוט שטיקער פלייש....

ס'איז אַ שאָד איהר יעצט צו טשעפּענען.

די פראַגע וועגען ״אָרגאַניזאַציאָנס ארבייט” איז שוין במעט אויך אַ געלעזטע און אַ פאַרטיגע, שוין לאַנג אַוועק די יאָהרען, אַז מען האָט וועגען דיעזער פראַגע געדאַרפט האַנדלען ביי אַ קאָנווענשאָן, מען קען דען ניט טהאָן קיין אָרגאַניזאַציאָנס ארבייט אָהן אַ קאָנווענשאָן?

מען לאָזט ארויס אַן אויפרוף פאַר אַ מעמבערשיפּ קאַמפּיין מיט אַ סלאָגום: „צעהן טויזענד נייע מעמבערס ביז צום קאָנווענשאָן!” „פאַר יעדע פינף נייע מעמבערס גיט מען א פאַנטיין־פּען און געסעלטעט אַן עסק, און עס איז ביליג אויך, אַז עס גיט זיך איין און דער קאַמפּיין איז אַן ערפאָלג און מען קריעגט טאַקע אריין וואָסערע צעהן טויזענד נייע מעמבערס, קאָסט עס ניט מעהר ווי צוויי טויזענד — פאַנטיין־פּענס...

און ס'איז ניט נאָר ביליג, נאָר ס'איז טאַקע פּראַקטיש אויך, ווייל אַז עס מאַכט זיך, אַז אימיצער האָט שוין יאָ פאַרצושלאָגען אַ נייעם מעמבער, שלאָגט ער איהם ערשט ניט פאָר, ס'לוינט זיך איהם בעסער צו וואַרטען ביז ער וועט קריעגען נאָך פיער קאַנדידאַטען...

די עדיוקיישאָנאַל ארבייט וועט אויך ניט פערנעהמען קיין סך צייט ביים קאָנווענשאָן, די פונקציאָנען פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע זיינען שוין פון לאַנג בעשטימטע. און די קאָמיטע, צום ביישפּיעל, ווייס גאַנץ גוט, אַז ווען זי דאַרף ארויסגעבען אַ ביכעל אבי זי האָט נאָר מיט וואָס, דאַרף זי ביים קאָנווענשאָן ניט פרעגען, און ווען זי קומט צום קאָנווענשאָן און פערלאַנגט אַ איבערונג אויף איהר בודזשעט מיט נאָך טויזענד דאָלאַר, זיינען מיר, הס ושלום קיין גזלנים ניט, און מען וועט איהר געבען. עס שפּיעלט עפּעס אַ ראָלע ביי אונז געלד, ווען עס האַנדעלט זיך וועגען עדיוקיישאָן?

אלא וואס דען? זי אראנזשירט פרייע לעקטשורס און דער עולם קומט ניט, טאָ וואס זשע קען די קאָנווענשאָן צו דעם העלפען?

וועגען סאַניטאָריום און בענעפיט פראַגען איז אויך ניטאָ וואָס צו האַנדלען, אַלעס וועט וואַרשיינליך בלייבען ביים אַלטען, דער סאַניטאַריום איז אָל־רייט, קיין נייע געביידעס דאַרף מען **יעצט ניט בויען,** און ווען מען וואָלט אפילו יאָ געדאַרפט, וואָלט מען אויך ניט געבויט, מאַטעריאַל און ארבייט איז יעצט בראַנד טייער. אמת דער אויפהאַלטונג פאָנד ליידעט טאַקע אביסעל צוליעב דעם יקרות, איז דאָך וויעדער די אייגענע מעשה, קען דען דער קאָנווענשאָן מעהר ווי אָננעהמען אַ פּראָטעסט רעזאָלוציע געגען דעם יקרות?

וועגען פערנעהמען זיך מיט נייע בענעפיטס, איז אויך ניטאָ וואָס צו טראַכטען. מיר האָבען אפשר ווענ:ג בענעפיטס, וואָס? און איבעריגענס, קען מען דאָך נייע בענעפיטס איינפיהרען אָהן אַ קאָנווענשאָן אויך. ווי אַזוי? אָט האָבען מיר דאָך נאָר וואָס „עסטאַבלישט” אַ נייעס סאָרט בענעפיט, צו צאָהלען די דיוס פאַר אונזערע געדרעפּטעטע מעמבערס, אָהן אַ קאָנווענשאָן...

אַזוי ווי איהר זעהט, קומען מיר צום נעקסטען קאָנווענשאָן אָהן אַ שטאָך מלאכה.

און עס בלייבט איבער ניט מעהר ווי אויסצוהערען די פערשיעדענע בעגריסונגס־רעדעס, אויפנעהמען דעם בעריכט פון דער עקזעקוטיוו קאָמיטע, פון די פערשיעדענע קאָמיטעס, דעם סעקרעטער'ס בעריכט, און נאָכהער פאַר דער צייט־פערטרייב, שטעלען עטליכע אינטערפּעלאַציעס צו די בעריכטען.

איז דאָך אָבער וויעדער די זעלבע צרה. די בעגריסונגס־רעדעס, קען דאָך שוין יעדער „עקספּיריענסד” דעלעגאַט אויף אויסענווענינג. די בעריכטען פון די קאָמיטעס האָט קיינער ניט קיין געדולד און קיין חשק אויסצוהערען, ס'איז גענוג אַז מען לעזט זיי אין „פריינד” יעדען מאָנאַט, און אויף אינטערפּעלאַציעס איז דאָך קיינמאָל קיין צייט ניטאָ צו ענטפערען...

טאָ וואָס זשע וועט מען דאָך פאָרט טהאָן?

און עס קומט אויס כאָטש צוזאַמענצורופען אַ מיטינג פון די 234 אידען וואָס קאַנדידאַטירען יעצט פאַר דעלעגאַטען, פון וועלכע 117 וועלען זיכער ערוועהלט ווערען, און א זאָג טהאָן צו זיי: חברה, ס'איז אַ שאָד אייער לויפען און אייער פאָהרען, די קאָנווענשאָן דאַרף אייך ניט האָבען, איהר האָט דאָרט גאָר ניט וואס צו טהאָן, קענט איהר בעשאַפען עפּעס א נייע „אישו” איהר זאָלט האָבען מיט וואָס די הענד צו צופיהרען איז גוט, אלא ניט, ציהט זיך צוריק, און אויס דעלעגאַטען.

נור דאָס וועט זיכער ניט העלפען. מיר קענען אונזערע אידען, זיי וועלען בעסער פון אונטער דער ערד אַ „אישו” אויסזוכען אבי ניט אויפגעבען זייער קאַנדידאַטור.

קענט איהר עפּעס א אידען, וואס זאָל ניט וועלען זיין אַ דעלעגאַט?

י. באסקין:

# קאנווענשאן נאטיצען

מיר שטעהען שוין ביי דעם שוועל פון אונזער 18טער קאנ־ווענשאן. אין גאנצען זיינען פערבליבען פינף וואכען, און דאך הערט מען נאך פערהעלטניסמעסיג גאנץ וועניג אין אונזערע רייהען רעדענדיג וועגען דער [illegible] קאנווענשאן. עס קומען ניט ארויף אזעלכע ספעציעלע פראגען, וועלכע זאלען אויפרודערען די מעמבערשיפ; עס איז ווירקליך ניטא דיעזע זא צו זאגען פיקאנטע פראבלעמען, וועלכע זאלען צואווארימען די בלוטען און ארויסרופען די ליידענשאפטען, וועלכע מיר זיינען געוועהנט צו זעהן ביי די לעצטע קאנווענשאנס. עס הערש[ט] ביי דעם עולם א מיינונג, אז די קומענדע קאנווענשאן וועט ווירקליך ניט האבען קיינע ספעציעלע פראגען מיט וועל־כע זיך צו פעראינטערעסירען. [illegible] וועט [illegible] לען האבען צו טהאן איז, צוזאמענצוקומען זיך, עפענען די קאנ־ווענשאן און דורכפיהרען די געוועהנליכע רוטינע ארבייט, און צופאהרען זיך אהיים.

און דאך, ווען מען טראכט זיך [illegible] איין אין די פעריי[ש]־דענע פראגען פון אונזער ארגאניזאציאן, און די נייע [illegible] גען, וועלכע דער ארב. רינג [ו]עט דארפען אננעהמען נאכדעם ווי מיר האבען געענדערט אונזער גאנצע סיסטעם פון די טוי־טען צאהלונגען, וועט מען איינזעהן, אז עס זיינען [illegible] גאנץ ערנסטע און וויכטיגע פראגען, וועלכע מוזען שוין היינט צו טאג פערענטפערט ווערען און מוזען געענ[דערט] ווערען אין אזא זין, אז זיי זאלען זיין צוגעפאסט [צ]ו די נייע אנגענומענע רע־פארמען.

מיר רעדען דא ניט וועגען פראבלע[מע]ן און [illegible] וועלכע קענען אריינגענומען ווערען אלס [illegible] רעקטע [illegible] פון דער אויסערליכער, געזעלשאפטליכער טהעטיגקייט פון דעם ארב. רינג. פאר זיי איז פילייכט יעצט ניט די צייט. מיר מיינען אבער די פראגען, וועלכע זיינען היינט צו טאג געווארען א נויטווענדיגקייט און מיר מוזען זיי אוועקשטעלען אויף א ברייטער[ע]ן מאסשטאב.

נעהמט צום ביישפיעל אונזער ארגאניזאציאנס טהעטיג־קייט. מיר פיהרען אן דיעזע ארבייט אויף דעם [illegible] גער, דורך אונזערע סיטי און [ד]יסטריקט קאמיטעען. די עקס־[פע]נסעס פאר דיעזער ארבייט זיינען בעשטימט געווא[רען] [illegible] אדער 5 טויזענד דאלאר. ווען מען בערע[כע]נט, [illegible] ניזאציאנען, וועלכע האבען [א]ין גאנצען 5 אדער 6 טויזענד מעמ־בערס ספענדען אזוי פיעל געלד אויף ארגאני[זאצ]יאנס ארבייט ווי אונזער ארבייטער רינג, [ד]אן וועט מען בעגרייפ[ען] [illegible] ליך ריין אזא סומע איז, אום אנצופיהרען א ברייטע ארגא־ניזאציאנס טהעטיגקייט אין דעם ארבייטער רינג.

נאך מעהר, מיר האבען [illegible] זיך יעצט די [illegible] גאליזירען דעם ארבייטער רינג, און זעלבסטפערשטענדליך אז אין די פלעצער, וואו מיר וועלען ווערען לעגאליזירט, וועלען מיר [illegible] אנפיהרען א סך [illegible] [illegible]קייל [illegible] יעצט. מיט וואס וועלען [מ]יר דיעזע ארבייט דורכפיהרען און אין וואס פאר א וועג? די סיטי און דיסטריקט קאמיטעען זיי־נען טאקע א נויטווענדיגקייט אין דעם ארבייטער רינג. אין

זיי גרופירען זיך די בעסערע עלעמענטען פון די ארטיגע פלע־צער. זיי זיינען די באנער טרעגער פון דעם ארבייטער רינג אין זייערע טעריטאריען. אבער די גאנצע ארגאניזאציאנס ארבייט קען דאך ניט ארויפגעווארפען ווערען אויף זיי. די אר־בייט מוז מעהרער סיסטעמאטיזירט ווערען. עס מוזען זיין מעהרער שטענדיגע עלעמענטען, וועלכע זאלען זיך מיט דיעזער ארבייט אבגעבען.

ליידער קען מען דאס ניט זאגען וועגען די סיטי און דיס־טריקט קאמיטעען. די עלעמענטען בייטען זיך ראָרטען. [illegible] ארבייט איז אין גאנצען אבהענגיג פון די סעקרעטערע פון דיע־זע קאמיטעען. איז דער סעקרעטער א טהעטיגער, איז די סיטי און דיסטריקט קאמיטע אויך א לעבעדיגע און א טהעטיגע. ווערט אבער דער סעקרעטער אומגעביטען און זיין פלאץ פער־נעהמט א פערזאן, וועלכע איז ניט אזוי טהעטיג, ווערט די סיטי און דיסטריקט קאמיטע טויט און די גאנצע ארבייט ווערט אב־געשטעלט. דאס הייסט, אז אונזער ארגאניזאציאנס ארבייט ווענדעט זיך אן א צופאל, און זעלבסטפערשטענדליך אז אזוי אנפיהרען א ברייטע ארבייט אויף א גרויסען מאסשטאב איז אונמעגליך. מיר מוזען אוועקשטעלען די ארבייט אזוי, אז זי זאל זיין אבהענגיג ניט פון צופעליגע [illegible] פערזאנען, נאר פון דעם צענטער, פון דער עקזעקוטיוו קאמיטע דירע[קט]. און דאס קען דורכגעפיהרט ווערען נאר דאן, ווען די עקזעקוטיוו קאמיטע וועט האבען א רעכט צו יעדער צייט אויפ[צו]־שטעלען בעצאהלטע ארגאנייזערס ווען נאר און וואו [זי] זי וועט דאס געפינען פאר נויטיג. און מיר גלויבען קוים אז עס וועלען זיך געפינען אזעלכע, וועלכע זאלען אזא רעפארמע בע־קעמפפען.

זעלבסטפערשטענדליך אז צוזאמען מיט דעם וועלען מיר אויך מוזען פערגרעסערען אונזער ארגאניזאציאנס פאנד, און אנשטאט די 4־5 טויזענד דאלאר, וואס די ארגאניזאציאנס קאמיטע קריגט יעצט אויף די ארבייט, וועט דיזער פאנד מוזען געהעכערט ווערען אם וועניגסטענס ביז 9 אדער 10 טויזענד דאלאר. יעדענפאלס, אויב מיר וועלען דיזען פאנד ניט הע־כערען היינטיגען יאהר צוליעב די שרעקליכע עקאנאמישע אומ־שטענדען, דארף אבער פערשטאנען ווערען, אז די 3 סענט, וועלכע מען קאלעקטירט היינט פאר דעם ארגאניזאציאנס פאנד, זאל אין גאנצען געשטעלט ווערען אונטער דעם רשות פון דער ארגאניזאציאנס קאמיטע, און עס זאל ניט בעשרענקט ווערען דער פאנד מיט 4 אדער 5 טויזענד דאלאר, אזוי ווי עס איז געווען פאריגען יאהר. דאס איז איינע פון די וויכטיגסטע פראגען, וועלכע דארף בעטראכט ווערען און פערהאנדעלט ווע־רען ביי אונזער קומענדער קאנווענשאן.

די איינפיהרונג פון פראטוירנאל רייטס האט אויך געשא־פען אזעלכע אומשטענדען און מעגליכקייטען צו ענדערען איי־ניגע פון אונזערע פונדאמענטאלע געזעצען, איבערהויפט די פרא־גע וועגען ענדערען דעם לימיט פון דעם עלטער פון נייע מעמ־בערס. די פראקטיק האט בעוויזען, אז מיר פערלירען א גאנצע גרויסע צאהל גוטע, טיכטיגע עלעמענטען, וועלכע וואלטען זיך

עפאסט פאר דעם ארבייטער רינג, נאָר א דאנק זייער עטוואס העכערען עלטער, קענען זיי אין דעם ארבייטער רינג ניט אריינגענומען ווערען. עס זיינען געוועזען צייטען, ווען מיר האָבען פערלאָרען גאנצע סאסייעטיס, ווייל זיי האָבען געהאט צווישען זיך א פיער־פינף מעמבערס אין דעם עלטער פון 44 אדער 45 יאהר, וועלכע האָבען אין דעם ארבייטער רינג ניט געקענט אריינגענומען ווערען, און צוליעב זיי האָט זיך די גאנצע סאסייעטי ניט אָנגעשלאָסען אן דעם ארבייטער רינג. עס איז זעלבסטפערשטענדליך, אז מיר קענען ניט רייזען דעם עלטער לימיט צו הויך, ווייל דאָס קען אוועקשטעלען אונזער פינאנציעלע זיכערהייט אין א גרויסען געפאהר, אָבוואָהל די צאָהלונגען זיינען יעצט לויט די יאהרען און יעדער איינער צאָהלט א העכערען רייט. אָבער, ווען מ'נעהמט אין אנבעטראכט דעם דורכשניטליכען עלטער, און איבערהויפט דעם דורכשניטליכען עלטער פון ארבייטער, דאן בלייבט איבער פאר די, וועלכע קומען אריין אין די העכערע יאהרען, גאנץ ווייניג צייט צו צאָהלען אויף דעם מאָרטשועררי פאָנד. אָבער, דאָך ערלויבען אונז ריזע העכערע צאָהלונגען א געוויסע פערלייכטערונג אז מיר זאָלען ענדערען דעם לימיט, אויב ניט צו הויך, אָבער 45 יאָהר איז א גאנץ זיכערער לימיט, וועלכער וועט אונז געבען די מעגליכקייט אריינצונעהמען גאנץ גוטע טהעטיגע עלעמענטען אָהן געפאהר פאר אונזער פינאנציעלע זיכערהייט. און דאָס איז אייגענטליך וואס די נאציאנאלע עקזעקוטיוו קאָמיטע רעקאָמענדירט צו דער קאָנווענשאָן און אויך צו די מעמבערס, אז דיזעס זאל אָנגענומען ווערען.

די אנדערע רעקאָמענדיישאָן, אויך פערבונדען מיט די איינפיהרונג פון די רייטס, איז זיכער אזא, וועלכע וועט ניט בעגעגענען קיין ווידערשטאנד פון די ברייטע מעמבערשיפ, און דאָס איז דער פונקט וועגען געבען קרעדיט צו די בראנטשעס פאר געשטראכענע מעמבערס אויף דעם מאָרטשועררי פאָנד. ווי בעוואוסט, קריגען יעצט ניט די בראנטשעס קיין קרעדיט פאר דעם טויטען פאָנד פאר זייערע געשטראכענע מעמבערס. ווען די צאָהלונגען פאר'ן טויטע פאָנד זיינען געווען קלענערע, האָט דאָס פיעל ניט געקענט שאדען די בראנטשעס. יעצט אָבער, און איבערהויפט נאָך אין די ווייטערדיגע יאהרען, ווען די רייטס וועלען אריינגעהן אין פולען קראפט, און ווען ביי א בראנטש זאל זיך טרעפען א מעהרערע צאָהל געשטראכענע מעמבערס, יען דיעזער פאקט אוועקשטעלען די עקזיסטענץ פון בראנטש אין געפאהר אויב זיי זאלען דארפען צום אָפיס בעצאָהלען די טויטען דיוס פאר אלע געשטראכענע מעמבערס. די עקזעקוטיוו קאָמיטע, וועלכע דארף אָבהיטען די גאנצקייט און זיכערקייט פון אָרדער, אלס א גאנצען, קען אבער אויך ניט פערנאכלעסיגען די אינטערעסען פון די בראנטשעס, און מוז זעהען אז זייער עקזיסטענץ זאל זיין פונקט אזוי געזיכערט ווי די עקזיסטענץ פון אָרדען אין גאנצען. און ארויסגעהענדיג פון דיזען שטאנדפונקט, רעקאָמענדירט די עקזעקוטיווע אז דיזער פונקט פון דער קאָנסטיטושאָן זאל געענדערט ווערען צו גונסטען די בראנטשעס.

צווישען די הויפט פראגען, וועלכע זיינען פערבונדען מיט די איינפיהרונג פון פראָטוירנאל רייטס קען אויך אריינגערעכנט ווערען די פראגע וועגען דעם 1 פראָצענט. דער 1 פראָצענט איז געשאפען געווארען אום צו פערזיכערען אונזער רעזערוו פאָנד. יעצט אָבער, ווען דיזער רעזערוו פאָנד וועט פערזיכערט דורך די רייט צאָהלונגען, קען מען דענקען, אז דיזער 1 פראָצענט דארף יעצט אין גאנצען אָבגעשאפט ווערען. איבערפלעכליך איז דאָס אזוי. ווען אָבער מען בעטראכט, אז די פולע רייטס וועלען ערשט איינגעפיהרט ווערען אין דריי יאהר ארום, ווען מען נעהמט אויך אין אנבעטראכט, אז די רייטס, וועלכע מיר האָבען יעצט איינגעפיהרט, זיינען אויסגעארבייט געווארען מיט צוויי יאהר צוריק, דאָס הייסט, זיי זיינען אויסגעארבייט געווארען אויף א באזיס פון צוויי יאהר אינגער ווי מיר זיינען געווען ווען די רייטס זיינען אריין אין קראפט, ווען מען נעהמט ריעזע אלע זאכען אין אנבעטראכט, וועט מען גלייך בעגרייפען, אז אָבשאפען היינט צו טאג דעם 1 פראָצענט וואלט געווען ניט אם פלאץ און וואלט אונז אוועקגעשטעלט אין א לאגע, אז מיר זאלען נאָך יעצט אויך ניט האָבען די פולע 100 פראצענט וועליואיישאָן. דאָס הייסט, אז זאגאר יעצט מיט די פראָטוירנאל רייטס זאלען מיר ניט קענען ווערען געזעצליך אין פערשיעדענע סטייטס. און דעריבער זיינען מיר מיט דער מיינונג, אז דערווייליע זאל דער 1 פראצענט בלייבען ווי ער איז געווען ביז יעצט, און אויב דער נעקסטער יאהר וועט אונז צייגען, אז דער רעזזירוו פאָנד אונזערער איז אונטער אלע אומשטענדען געזיכערט, וועלען מיר דאן קענען רעדען וועגען אָבשאפען דיזען 1 פראצענט.

עס פערשטעהט זיך, אז אויב מיר וועלען רייזען אונזער פאליסי פון 400 ביז טויזענד דאלאר, וועלען די, וועלכע וועלען ארויסנעהמען אזא פאָליסי ניט דארפען צאָהלען דעם 1 פראָצענט פאר די גאנצע טויזענד דאלאר, נאָר זיי זאָלען עס דארפען צאָהלען ביז 400 דאָלאר, און פאר די איבעריגע זאל דער 1 פראָצענט ניט גילטען. בעסער געזאגט, אז אויך דער, וועלכער נעהמט א פאליסי פאר טויזענד דאָלאר זאל ניט דארפען איינצאָהלען איינטריטס געלד מעהר ווי 4 דאָלאר, ווייל אונזער גאנצער סיסטעם פון די צאָהלונגען איז אויסגעארבייט אויף דעם באזיס פון די העכסטע פאליסי פון 400 דאָלאר. מיר גלויבען, אז דאָס איז דער בעסטער קאָמפראָמיס, וועלכען מען קען דערווייל מאכען אין דיזער פראגע לויט די איצטיגע אומשטענדען. יעדענפאלס ווערען בעשליסע פון קאָנווענשאָנס ניט געפאסט פאר יאָהרען און יאָהרען, נאָר זיי ווערען בעשלאָסען בלויז פאר'ן קומענדען יאהר, און אויב דער קומענדער יאהר וועט אונז צייגען גינסטיגערע רעזולטאטען, וועט מען דאן קענען קלעהרען וועגען מאכען אנדערע, בעסערע ענדערונגען.

פון די אנדערע רעקאָמענדיישאָנס פון דער עקזעקוטיווע איז ווערטה צו דערמאָהנען די רעקאָמענדאציאָן וועגען טראנספערירען דעם סורפלוס פון דעם „פריינד" פאָנד צו דער עדיוקיישאָנאל קאָמיטע. וועגען אונזער עדיוקיישאָנאל ארבייט איז דאָ פיעלעס צו זאגען, אָבער לײדער קענען מיר זיך יעצט וועגען דעם ניט אָבגעבען. מיר וועלען דאָס דארפען טהאָן ביי אן אַנדער געלעגענהייט. איין זאך איז אָבער קלאָהר, אז דאָס זעלבע, וואס מיר האָבען געזאָגט וועגען אונזער ארגאניזאציאנס טהעטיגקייט, קען אויך אָנגעווענדעט ווערען אין בעצוג צו דער עדיוקיישאָנאל ארבייט און וועגען דעם עדיוקיישאָנאל פאָנד. די 4 טויזענד דאָלאר, וואס זיי קריגען, איז ניט גענוג אויף אָנצופיהרען א ברייטע קולטורעלע טהעטיגקייט צווישען די מאסען און אויך אָנפיהרען די גאנצע פאָבלישינג ארבייט פאר דעם ארבייטער רינג, און עס איז קיין וואונדער ניט אז דיזער פאָנד איז געבליבען הינטערשטעליג מיט אריבער 16 הינדערט דאָלאר. און אום אויסצומיידען א נייעס אסעסמענט, האָט די נאציאנאלע עקזעקוטיווע בעשלאָסען פאָלגענדעס:

אזוי ווי אין דעם „פריינד" פאָנד איז דאָ יעצט א סורפּלוס און אזוי ווי פאר דעם נעקסטען יאָהר וועלען וואהרשיינליך די עקספּענסעס פון „פריינד" ניט איבערשטייגען די וועלכע מיר האָבען געהאט אין דעם פאריגען יאָהר, דעריבער איז גאנץ זיכער צו פערטהאָן דעם באלאנס, וואס דער „פריינד" האָט, און צוגעבען איהם צו דעם עדיוקיישאָנאל פאָנד, פּונקט אזוי ווי דער בילדינגס פאָנד און דער מיינטענענס פאָנד פון דעם סאטינאריום קענען איינע די אַנדערע ערפילען און זיין סורפּלוס קען דעקען דעם צווייטענס דעפיציט.

רעדענדיג וועגען טראנספערירען פאָנדס, וועלען מיר אויך שוין דערמאָהנען די רעקאָמענדיישאָן וועגען טראנספערירען 5 סענט פון דעם קאָנסאָמפּטיוו בענעפיט פאָנד צו דעם סאניטאריום מיינטענענס פאָנד. די העכערונג פון די 6 מאָנאַטען אויף 9 פאר פאציענטען אין סאניטאריום האָט זעלבסטפערשטענדליך אריינגעטריבען די עקספּענסעס פון דעם סאניטאריום מיינטענענס פאָנד אין מעהרערע טויזענדער, און אויב מען זאָל נעהמען אין אנבעטראכט דעם יקרות, וועלכער הערשט יעצט אין לאנד, וועט מען פערשטעהן ווי אזוי די עקספּענסעס פון אונזער סאניטאריום זיינען געשטיגען דיזען יאהר אין פערגלייך צו די פריהעריגע יאהרען. גליקליכערווייזע איז נאָך דערווייל אין סאנימאריום פאָנד קיין דעפיציט ניטאָ. דאָס ערקלעהרט זיך דערמיט וואס אין פאריגען יאהר האָט דער מיינטענענס פאָנד געהאט א געוויסען סורפּלוס. דיזער סורפּלוס איז אבער ליידער פערטהאָן געווארען דיזען יאהר, און עס איז קיין צווייפעל ניט, אז אין נעקסטען יאהר, אויב די לאגע זאָל ניט געענדערט ווערען, וועט דער סאניטאריום מיינטענענס פאָנד בלייבען מיט א גרויסען דעפיציט. קען

מענרען דעפיציט לייכט בעזייטיגען אָהן צו בעלעסטיגען די מעמבערשיפּ מיט א נייעם טעקס אויף אן איינפאכען וועג.

דער קאָנסאָמפּטיוו בענעפיט פאָנד האָט אן אונגעהויערען סורפּלוס, קארגע 39 טויזענד דאלאר. די דיוס פאר דעם קאָנסאָמפּטיוו בענעפיט פאָנד איז 10 סענט פער קווארטאל. אלזא, איז קיין צווייפעל ניט, אז מיט דיזען פאָנד זיינען מיר זיכער ווען זאגאר מיר זאלען ארונטערנעהמען 5 סענט פון די דיוס, און דיעזע 5 סענט, וועלכע קענען לייכט טראנספערירט ווערען צו דעם סאניטאריום מיינטענענס פאָנד, וועלען אריינטראָגען אזא סומע, וועלכע וועט האלטען דיעזען פאָנד אין א גוטען צושטאַנד.

דאָס זיינען איינענטליך די קאָנסטרוקטיווע טהיילען פון אונזער קאָנווענשאָן. דער פונדאמענט פון אונזערע פערהאנדלונגען. וואס אנבעלאנגט אנדערע פראגען, וועלכע האָבען צו טהאָן מיט די שטעלונג פון דעם ארבייטער רינג אין געזעלשאפטליכען לעבען און מיט פערשיעדענע אנדערע פראגען, וועלכע זיינען אין דירעקטע פערבינדונג מיט דער טהעטיגקייט פון ארבייטער רינג איז שווער פאראויס צו זאגען אין וואס פאר א פארמע זיי וועלען פארגעבראכט ווערען, אדער אויב זיי וועלען איבערהויפּט פארגעבראכט ווערען ביי דער קאָנווענשאָן. מען קען ניט אין פאראויס בעשטימען אלע איינצעלהייטען פון דעם פּראגראם. מען קען ניט לעגען א פּלאן פון אלע פראגען, וועלכע קענען ארויפשווימען ביי דער קאָנווענשאָן. וואהרשיינליך וועלען פערשיעדענע דעלעגאטען פון די פערשיעדענע פּלעצער עפּעס מיט זיך ברענגען, און געוויס וועלען זיי האָבען דאָס ווארט צו זאגען וואס די מעמבערשיפּ אין זייער געגענד דענקט וועגען דער אדער יענער פראגע.

ד. שטאַרק:

# אויסברענגעריי פון דער קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט

די לאַנדווירטהשאפט איז א מין עיר מיקלט כאָר די גענער פון'ם סאציאליזם. ווען זיי דערפיהלען, אז זייערע אלגעמיינע עקאָנאָמישע ארגומענטען געגען סאציאליזם זיינען שוואכלעך, ווענדען זיי זיך צו פאַרמעריי. זיי זיינען זיכער, אז דאָ וועלען זיי געפינען א גאנצען אוצר מיט טענות און רעכטפערטיגונגען פאר קאפיטאליסטישע, אינדיווידועלע באַלעבאטישקייט. עס איז מערקווירדיג, אז אפילו בעוואוסטע טהעאָרעטיקער פון דעם סאציאליסטישען געדאנק, פיהלען זיך ניט גענוג פעסט ווען זיי קומען צו אָט דעם פונקט. זאגאר אזא מאן ווי קאוטסקי גלויבט, אז פארמעריי וועט אפילו אונטער סאציאליסטישע בעדינגונגען א לאַנגע צייט פערבלייבען אן אינדיווידואליסטישע אינדוסטריע. מעגליך, אז עס וועט ווירקליך אזוי זיין ביז א גרויסען גראד, פארמעריי איז איינע פון די אָבגעשטאַנענסטע אינדוסטריען, און עס איז נאטירליך צו דענקען אז איהר גאולה פון קאפיטאליזם וועט אָנקומען שפּעטער ווי אין אנדערע געביטען פון אונזער עקאָנאָמישען לעבען. ווען מען בעטראַכט אָבער פארמעריי פון דעם שטאַנדפּונקט פון פערלאָרענע מענשליכע ארבייט, ווען מען וקט זיך צו וויפיעל ארבייט עס געהט אין ניוועץ ביי דער יעצטיגער אינדיווידועלער פארמערישער באַלעבאטישקייט, קומען מיר שנעל צו דער איבערצייגונג, אז די קאפּיטאליסטישע אויסברענגעריי איז דאָ פיעל גרעסער ווי אין אלע אנדערע געביטען פון אונזער עקאָנאָמישער טהעטיגקייט, און עס ווילט זיך גלויבען, אז די אָנקומענדע סאָציאליסטישע געזעלשאפט וועט

בעטראכטען אלס איינע פון איהרע ערשטע און וויכטיגסטע אויפגאבען וואס שנעלער א סוף צו מאכען צו דער פערשווענדעריי.

עס זיינען שוין לאנג פאריבער די יאהרען ווען די גערעטעניש פון די פעלדער איז געוועזען אָבהענגיג אויסשליסליך פון דער ברכה פון הימעל. אין רוסלאנד, ווען עס פלעגט זיך מאכען א טריקעניש און די תבואות אויף די פעלדער האָבען געהאלטען ביי פערלאָרען גענן, אָדער עס פלעגט אָנפאלען א מגפה אויף די בהמות, פלעגען די פויערים גיט צורוה לאָזען זייערע הייליגע איקאָנעס, אז זיי זאָלען זיי העלפען אין זייער צרה. דער אמעריקאנער פארמער קלאפּט אין אזא צייט טעלעגראמעס צו דער רעגיערונג, צום אגריקולטור דעפּארטמענט, און אויב די רעגירונג קען ניט ראטעווען די פּרוכט פון זיין ארבייט דעם יאהר, קען זי איהם זיכער געבען א סך גוטע עצות ווי צו אויסמיידען אזוינע צרות א צווייטען מאָל.

ווען די פערוואלטונג פון דער לאנדווירטשאפט זאל ווערען אָנגעפיהרט פון דער גאנצער געזעלשאפט, ד. ה. פון א דעמאָקראטישער אינדוסטריעלער רעגיערונג, וואָלט זיכער גאנץ זעלטען קומען צו מגפות אויף בהמות און קיין אינסעקטען וואלטען ניט פערניכטען קיין תבואות אין דעם ווערטה פון הונדערטער מיליאָנען יעהרליך, ווי דער פאל איז יעצט, און וועגען א גערעטעניש אויף די פעלדער אין אלגעמיין, איז עס זיכער אז פון דעם זעלבען שטח לאנד, וואס ווערט יעצט קולטיווירט מיט דער הילף פון דעם יעצטיגען צאָהל פארמערס

וואלטען מיר דין אין אמעריקא געקענט ארויסבעקומען צום ווענינגסטען דריי מאָל אזוי פיעל פראדוקטען ווי מיר בעקומען עס יעצט, ווען יעדע פאַרם איז א זעלבסטשטענדיגע עקאָנאָמישע אינסטיטוציע.

אלע מגפות אויף די פיה האָבען זייערע אורזאכען, וועלבע קענען אָפּט גאנין לייכט בעזייטיגט ווערען. ווען אפילו א מגפה פאנגט זיך אָן, קען מען זי מייסטענס לייבט אָבהאלטען, ווען עס זאָלען ניט שטעהן אין וועג די אינדיווירועלע אינטערעסען פון דעם איינצעלנעם פארמער. ווען עס ווערט קראנק א קיה אדער א פערד ביי א געוויסען פארמער קען ער זיך ניט פערגינען באלד צו פערניכטען די גאנצע טשערעדע מיט וועלכע די קראנקע בהמות זיינען געקומען אין בעריהרונג, כדי צו פערהיטען אז אנדערע זאָלען זיך פון זיי ניט אָנשטעקען. פאַר דער געזעלשאפט וואלט זיך אזא זאך גוט בעצאָהלט. גרויסע היזקות וואָלטען אויף אזא אופן אויסגעמידען געווארען. אויסהיטען פון קראנקהייט איז די בעסטע רפואה, זאָגט מען. יעצט שטארבען אוים אין די פעראייניגטע שטאאטען יעהרליך ניט ווייניגער ווי פאר 300 מיליאָן דאָלאר פערשיעדענע פיה. חוץ דעם דירעקטען פערלוסט אין די אויסגעשטארבענע, קאָסט עס נאָך א סך מיליאָנען צו היילען די פיה וואס ווערען קראנק.

פערשיערענע אינזעקטען פערניכטען כמעט אויף א ביליאָן דאָלאר א יאָהר לאנד פראדוקטען אין אמעריקא. ווען די גאנצע פארם־ווירטהשאפט זאָל זיין קאָנצענטרירט אין די הענט פון דער רעגיערונג, וואלט מען געקענט מיט וועניג אָנשטרענגונג און אין א גאנין קורצער צייט פון די אינזעקטען פטור ווערען. דער איינצעלנער פארמער איז אָבער ניט בכח צו קעמפפען געגען אָט דער אָנשיקעניש.

גוואלדיג גרויסע היזקות פערשאפען אויף די פארמס און אין תבואה שפייכלערס מייז און פערשיעדענע ראטען. איין געוויסער סארט מייז פערניכטעט יעהרליך פאר איבער הונדערט מיליאָן תבואות. דאָרט וואו די געזעלשאפט נעהמט אויף זיך די אויפגאבע ווערט מען פון די שרצים פטור. די שטאָדט פערוואלטונגען אין ניו־אָרליענז און אין סאַן פראַנציסקא האָבען אין גאנצען אויסגעראָט די מייז אין יענע שטעדט. דאָס זעלבע קען געטהאָן ווערען אומעטום.

ביי דער יעצטיגער סיסטעם פון אינדיווידועלער פארמעריי, פאדערט זיך אז יעדער פארם זאָל זיין ארומגעצאמט. דאס איז אבער נאָך ניט גענוג. די איינצעלנע פארם זעלבסט מוז פאנאנדערגעצאמט ווערען פאר פערשיעדענע צוועקען. מען מוז האלטען די בהמות מיט די פערד בעזונדער, די חזרים בעזונדער, די שאָף בעזונדער, די עופות בעזונדער און אזוי ווייטער.

ניט ווייניגער פון עלף הונדערט מיליאָן דאָלאר קאָסטען אָב יעהרליך די צאהמען אויף די אמעריקאנער פארמס.

די פלויטען פערנעהמען פלאץ, ד. ה. זיי פערנעהמען גוטע לאנד, וואס קען ווערען קולטיווירט. כמעט 14 מיליאָן אקער לאנד געהט אין אמעריקא אוועק אין ניוועץ פאר די צאהמען, צוויי מאָל אזוי פיעל ווי דער גאנצער שטח פון בעלגיען. אפילו ביי יעצטיגע מעטאָדען פון אגריקולטור וואלט אזוי פיעל לאנד פראָדוצירט פאר 300 מיליאָן דאָלאר תבואות א יאָהר.

ארום די צאהמען וואקסען געוועהנליך בוימלעך, ווילדע געוויקסען, זיי פערשפרייטען זיך שנעל צווישען די בתואות אין גאָרטענוואַרג און די היזקות וואס זיי ברייגען, איז ניט אָבצושאצען.

די אמעריקאנער פארמער האלטען אוים צוואנציג מיליאָן פערד מיט וועלבע זיי בענוצען זיך אויסשליסליך פאר ארבייט אין זייער ווירטשאפט. מען קען זיך בענוצען מיט מאשינערי פאר די אלע סארטען ארבייט, וואס זיי טהוען יעצט מיט דער הילף פון די פערד. עס קאָסט א סך ביליגער אויסצוהאלטען מאשינען ווי פערד און מען קען מיט זיי אָהן אן ערך מעהר ארבייט אויפטהאָן. דער דורכשניטליכער אמעריקאנער פארמער איז אָבער ניט אימשטאנד זיך צו בעזארגען מיט אלע נויטיגע מאשינעריי אויף זון פארם. 60 מיליאָן אקער לאנד ווערען יעדען יאָהר בעארבייט אויף צו בעזארגען די 20 מיליאן פערד מיט עסען. **דאָס איז מעהר ווי דער גאנצער שטח לאנד**

וואס איז דעם יאהר 1911 געווען פארזעעט אין אמעריקא מיט ווייץ, קארטאָפעל, קאָרן (ברוט־קאָרן) און רייז צוזאמענגענומען! די פראדוקטען פון אזוי פיעל לאנר האָבען דאמאלס בעטראפען קרוב צו א ביליאן דאלאר.

יעדער פארם ארבייטער קען אויפטהאָן צוויי מאָל אזוי פיעל ארבייט מיט א טרעקטאר ווי מיט א פערד און אין פיעלע פעלע צעהן מאָל אזוי פיעל. מיט מאשינערי קען מען די פעלדער בעסער בעארבייטען און פערגרעסערען זייער פרובטבארקייט דריי מאָל אזוי פיעל ווי ביז יעצט. אין דורכשניט ברייננט אן א ער לאנד אין אמעריקא 14 בושעל ווייץ, אין דייטשלאנד — 28 בושעל און אין ענגלאנד — 32 בושעל. דער אונטערשיעד קומט ניט אזוי פון דער גוטסקייט אָדער שלעבטקייט פון לאנד, ווי פון דעם אופן ווי מען בעארבייט זיי. עקספערטען פערזיכערען, אז אנשטאט די 25 בושעל קאָרן וואס דער אמעריקאנער פארמער קריגט ארויס אין דורכשניט פון אן א־ער לאנד, וואָלט מען געקענט ארויסגעהמען 200 בושעל פון אקער, ווען מען זאָל די פעלדער ריבטיג בעארבייטען. דאָס זעלבע קען מען זאָגען וועגען קארטאָפעל, קאטאן און כמעט אלע אנדערע לאנד פראָדוקטען.

אין דעם יאָהר 1910 זיינען אין אמעריקא 878,798,000 אקער לאנד געווען צוטיילט צווישען די פארמערס. פון דעם זיינען נור 478.450.000 אקער לאנד געווען קולטיווירט. די אמעריקאנישע פארמערס האָבען פשוט ניט געהאט די מעגליכקייט צו בעארבייטען אין גאנצען די לאנד, וואָס זיי פערמאָגען מיט די פערד אָדער מיט דעם ביסעל געצייג וואָס זיי האָבען. פראנקרייך קולטיווירט 25 און האלב פראָצענט פון איהר באָדען. כמעט דאָס זעלבע איז אין עסטרייך און אין איטאליען. אין אמעריקא ווערט קולטיווירט נור 25 פראָצענט פון דעם גאנצען שטח פונ׳ם לאנד. אין דורכשניט פערמאָגט דער אמעריקאנער פארמער נור פאר 200 דאָלאר מאשינעריי. דאָס איז ווייט ניט גענוג אויף צו בעארבייטען דאָס לאנד וואָס ער האָט. ווען דער אמעריקאנער פארמער זאָל האָבען גענוג מאשינריי וואָלט ער געקענט בעארבייטען אין גאנצען זיין לאנד, דאָס הייסט, צוויי מאָל אזוי פיעל ווי ער טהוט יעצט. דער איינקונפט פון דער אמעריקאנער לאנד־אינדוסטריען איז פאר דער מלחמה געווען אן ערך פון 9 ביליאָן דאָלאר א יאָהר. אפילו ברויבענדיג דיזעלבע מעטהאָדען וואָלט דער איינקונפט געווען צוויי מאָל אזוי פיעל ווען די גאנצע פארמערישע ערד זאָל בעארבייט ווערען. ווען מען זאָל נאָך די לאנד בעארבייטען דורכאוים מיט מאָדערנע מאשינעריי, וואָלט יעדער אקער לאנד דריי מאָל אזוי פיעל פראָדוקטען געבראבט ווי יעצט. ד. ה., אז אנשטאָט 9 ביליאָן דאָלאר א יאָהר וואָלט די היגע לאנד־ווירטשאפט, ניט פערגרעסערענדיג די צאָהל ארבייטער, ארייננעבראכט 54 ביליאָן דאָלאר יעהרליך. ע־סטרא 45 ביליאָן דאָלאר, אָדער כמעט 500 דאָלאר א יאָהר אויף יעדען נפש אין לאנד.

און ווען דער פארמער נעהמט שוין ארונטער די תבואות פון די פעלדער מוז ער זי צושטעלען צו די אייזנבאהנען. דאָס נעהמט צו ביי איהם א סך צייט און ארבייט. ווען די וועגען זאָלען זיין אין א גוטע אררנונג וואלט עס איהם פיעל פון דער צייט און ארבייט איינגעשפאָרט. זיינען אָבער די וועגען, אין די מעהרסטע שטאאטען, אין א זעהר שלעכטען צושטאנד, און דאָס פעראורזאכט יעהרליך א שאָדען פון אנדערטהאלבען ביליאָן דאָלאר. 25 פראָצענט פון די פרוכטען אין לאנד ווערען צופוילט און געהן פערלוירען איבער דעם צושטאנד פון די וועגען.

נאָך א זאך. די קיה פון דעם שטאאט וויסקאָנסין, רעבענען זיך פאר די בעסטע אין לאנד. זיי גיבען, אין דרובשניט, 170 פונט פוטער א יאָהר. אנדערע טשערעדעס קיה אין דעם זעלבען שטאאט גיבען אזוי פיעל ווי 4 און 6 הונדערט פונט פוטער א יאָהר. דאָס וואָס עס איז אונמעגליך פאר דעם דורבשניטליבען פארמער, וואָלט מעגליך געווען פאר דער רעגיערונג, ווען זי זאָל האָבען די מילך אינדוסטריע אין איהרע הענר. דורך א ריבטיגען אויסוואהל פון בהמות און דורך אָבהיטען זיי מיט פאסענדע שפייז, וואָלט מען געקענט אין א קורצען משך צייט, ארויסבעקומען אין דורכשניט פון די בהמות פיעל מעהר מילך און פוטער ווי זיי גיבען עס יעצט.

# דער ארבייטער רינג און די סאָציאַליסטען

מ. באקאל:

פראָבלעמען וועגען די בעציהונגען צווישען דער ס. פּ. און ארבייטער רינג.

געוועהנליך פערשטעהט מען, אז עס איז פאראן א געוויסע שייכות צווישען ארב. רינג און די סאציאליסטען, אז דער אָרדען איז פערקניפּט און פערבונדען מיט די טהעטיג ייטען פון דער ס. פּ. נאָך מעהר, מען האלט זאגאר אז אין ארב. רינג ווערען די מיטגליעדער פארבערייטעט צו ארייזצוטרעטען אין דער סאציאליסטישער פארטיי.

איז עס אין דער ווירקליכקייט אזוי? מיד געפינען גאָר פערקעהרטע פאַקטען, אין געוויסע שטעדט און שטעדטלאך.

מען פאָהרט אריין אָפּט אין א שטעדטעל, ערשט דער אידישער ברענטש ס. פּ. איז מיט'ן ארב. רינג געפעהרליך צוריסען, מען איגנאָרירט, במעט שטענדיג פון דער זייט פון ארב. רינג, יעדע זאך, וואס דער ס. פּ. ברענטש טהוט. מען וויל גאָר קיין געמיינשאפטליכעס ניט האָבען איינע מיט די אנדערע. מען שטערט אָפּט איינער דעם צווייטענס ארבייט.

אין אנדערע שטעדטלעך פערנעהמט דער ארבייטער רינג ברענטש דעם אויבען אָן, אדער איז גאָר די איין און איינציגע ארגאניזאציאָן. ווען מען וויל אין יענע שטעדטלעך גרינדען אן ס. פּ. ברענטש, בעטראכטען עס די ארב. רינג מיטגליעדער פאר אקאָנקורענץ, אדער אין בעסטען פאל פערשווייגען זיי די גאנצע זאך, און האָפען אז סיי ווי סיי וועט דאָך דער ס. פּ. ברענטש קיין לאנגע יאָהרען ניט האָבען.

אין גרעסערע שטעדט אפילו, איז די צוזאמענארבייטונג פון ארב. רינג און ס. פּ. א זעלטענהייט און איז שוין א סימן פון א העכערע גראד ענטוויקלונג מצד די ארב. רינג מיטגליעדער.

איז עס א נאטירליכע און געזונדע ערשיינונג אין ארב. רינג? געוויס ניט. דאָס שאדעט דעם וואוקס און די ענטוויקלונג פון ארב. רינג, אזוי ווי עס טהוט קיין גוטעס נישט די סאציאליסטען.ביידע פערלירען פון דעם. און דערפאר דארף עס וואס אם שנעלסטען אויסגעריסען ווערען מיט'ן ווארצעל.

דאָס וואָס דער ארב. רינג איז אין פיעלע ערטער שטארקער, וואס די מיטגליעדער אינטערעסירען זיך מיט איהם מעהר, איז נאָך ניט קיין בעוויז אז דאָס איז די איינציגע און וויכטיגסטע ארגאניזאציע פאר'ן ארבייטער קלאַס.

דער ארב. רינג שטעלט, אמת, צופריעדען א געוויסע באלדיגע נויט פון די ארבייטער וואס איז לייכט צו פערשטעהן, וואס יעדער איינער קען עס בעגרייפען. אָבער, אָהן דעם סאציאליזם, אָהן דעם פּאָליטישען קאמפף פון ארבייטער קלאס, איז די גענענזייטיגע הילף און די פערזיכערונג פון אדב. רינג א זעהר בעגרענצטע טהעטיגקייט.

דער פּאָליטישער קאמפף פון דער סאציאליסטישער פארטיי ווערט געפיהרט אום צו פערבעסערען די לעבענס בעדינגונגען פון ארבייטער קלאס, אין שאפּ, אין דער היים, אויפ'ן גאס און אין פערוויילונגס פּלעצער.

די מינימאלע טהעטיגקייט פון די סאציאליסטען בעשטעהט אין פערהיטען די ארבייטער זיי זאָלען ניט קראנק ווערען, זיי זאָלען ניט שטארבען פאר דער צייט, זיי זאָלען פיהרען א מענשליך לעבען א. ז. וו.

אמת, דאָס פאָדערט אויפקלעהרונג, בעוואוסטזיין, כדי עס ריכטיג צו פערשטעהן. מען דארף פאר דעם קעמפּפען, אָפּט פערלירען, און ווידער קעמפּפען ביז וואנען מען זיעגט.

אָבער, דאָס קען לייכט אויפגעקלעהרט ווערען ווען דער ארב. רינג איז הארמאָניש צוזאמענגעבינדען מיט דער ס. פּ. די מיטגליעדער הייבען דאן ביסלעכווייז אָן איינצוזעהען, אז דער אמת'ער אידעאל, די ווירקליכע בעפרייאונג פון אלע איבלען, איז פערקערפּערט אין סאציאליזם.

דער סאציאליזם דריקט אויף אזא שטייגער אויס די העכערע, די ווייטערדיגע אויפגאבען און ציעלען פון ארב רינג. וואס שטארקער און מעכטיגער די סאציאליסטישע פארטיי ווערט, אלץ זיכערער ווערט דער ארב. רינג.

דער אונטערשיעד פון ארב. רינג ביז אן אנדער אָרדען, איז דאָך ניט נאָר וואס דער ערשטער בעשטעהט בלויז פון ארבייטער, נאָר וואס ער שטעלט זיך ווייטערערע אויפגאבען, וואס ער בעזיצט אן אידעאל, ד. ה. אז דער ארבייטער ארדען, בענוגענט זיך ניט בלויז מיט צאָהלען קראנקען בענעפיט, און טויטען פערזיכערונג, נאָר ער שטרעבט צו פערמינדערען קראנקהייט און טויט פעלע צווישען די ארבייטער באמיליען.

עס איז זעלבסט פערשטענדליך, אז מיט דעם וואס דער ארב. רינג קעמפּפט צו אויסהיטען זיינע מיטגליעדער פון קראנקהייט און שטערבליכקייט, טהוט ער אויף פיעל מעהר, איידער ער גיט בענעפיט ווען די מיטגליעדער זיינען אין אן עת צרה.

ווי אזוי טהוט עס דער ארב. רינג? פשוט דורך דעם, וואס ער העלפט דעם אלגעמיינעם סאציאליסטישען קאמפּף, וואס ער שטיצט יעדע ע אָנמאָישע און פּאָליטישע בעוועגונג, וואס די מיטגליעדער ווערען אין דעם ארדען פּארבערייטעט צו דער סאציאליסטישער טהעטיגקייט.

אָבער, דאָרט וואו עס הערשט א שנאה צווייטען דעם ארבייטער רינג און די סאציאליסטישע ברענטשעס, דאָרט קען דער ארב. רינג ניט נאָר זיין ווירקליכע אויפגאבע ניט ערפילען, נאָר אפילו אויך זיך ניט צואוואקסען און פערצווייגען זיך.

שטענדיג כמעט, וואקסען אויס די קידער־ווידער בעציהונגען צווישען ביידען, ענטוועדער פון ווייניג ענטוויקלונג און קרומער אויסטייטשונג פון די אויפגאבען פון ארבייטער אָרדען, אדער פון דעם, וואס סאציאליסטישע געגנער טרעטען אמאָל אריין אין א ברענטש און זוכען דאָרט צו כאפּען פיש אין מוטנע וואסער.

דער ארדען אלס גאנצער, איז געוויס פערבונדען מיט'ן סאציאליזם, און שטעהט אין ענגער בעציהונג מיט יעדע אלגעמיינע סאציאליסטישע טהעטיגקייט. דאָס וואס עס שפּיגעלט זיך אָפּ אין שטעדט און שטעדטלעך, איז אין געגענזאץ צו דעם גייסט פון ארדען. אָבער אזא לאגע אין די ארטיגע אָרגאניזאציאנען, רופט זיך אב זעהר שלעכט אויף דעם אלגעמיינעם לעבען פון ארב. רינג.

זיינען אָבער פאראן אזוינע שטעדטלאך וואו דער ארב. רינג פערנעהמט זיך אויך מיט סאציאליסטישע טהעטיגקייטען, און אין דער זעלבער צייט, קוקט מען דאָרט קרום ווען מען וויל גרינדען א סאציאליסטישע ברענטש.

„עס זיינען ניטאָ קיין גענוג קרעפטען פאר ביידען" — איז זייער טענה. — „מיר טהוען שוין אליין וואס מען דארף."

לאָמיר זעהן, וואס פאר א סאציאליסטישע ארבייט טהוען אָט די איינאונאיינציגע א. ר. ברענטשעס, וועלכע זאגען פאראויס, אז ווען מען גרינדעט א סאציאליסטישען ברענטש אין זייער שטעדטעל — עס וועט סיי־ווי־סיי קיין לאנגע יאָהרען ניט האָבען.

זיי שטיצען אמאָל מיט געלד אדער ארראנזשירען א לעקטשור, מיט א סאָציאליסטישען לעקטשורער. אין דעם בעשטעהט זייער גאנצע סאציאליסטישע טהעטיגקייט. קיין פּאָליטישע קאמפּיינס פיהרען זיי ניט אָן. קיין דירעקטע פערבינ־

דונגען מיט דער ארטיגער סאציאליסטישער ארגאניזאציאן האָבען זיי ניט.

טהוען דאָך אָבער אלע ארב. רינג ברענטשעס דאָס זעלבע, און אָפט נאָך מעהר. עס צייגט זיך ארויס, אז דאָרט וואו דער אידישער ס. פּ. ברענטש איז שטאַרק, און דער ארב. רינג איז ניט צוריסען, פיהלט זיך א סאציאליסטישער גייסט צווישען די מיטגליעדער פון ארבייטער ארדען, און זיי זיינען דאָרט מעהר פּעראינטערעסירט מיט סאציאליסטישער טהעטיגקייט איידער אין די שטעדטלאך וואו עס זיינען קיין ס. פּ. ברענטשעס ניטאָ.

דארום איז דרינגענד נויטיג, אז די ארב. רינג ברענטשעס אין די קלענערע שטעדטלאך זאלען זיך ניט איינריידען אז זיי בעשטעהען שוין פאר א סאציאליסטישען ברענטש אויך. ניין! זיי דארפען זעהן מיט אלע מעגליכקייטען אז עס זאל אויפגעבויט ווערען ביי זיי א אידישער ס. פּ. ברענטש פון דער פעדעראציע, וואס זאל אריינגיסען א נייעס שטראם לעבען צווישען די ארטיגע אידישע ארבייטער און ראדיקאלען.

דערפאר ווייל די ארב. רינג ברענטשעס זיינען אין פיעלע ערטער ניט הארמאָניש מיט די ס. פּ. ארגאניזאציאנען, און אויך צוליעב דעם וואס די ערשטע האלט מאנכעס מאָל אז זי קען אויספילען דעם פלאץ פון צווייטען, האָט זיך ענטוויקעלט צווישען די סאציאליסטען דער פאלשער בעגריף, אז דער ארב. רינג נעהמט צו די בעסטע טהוער פון אונזערע סאציאליסטישע ריהען, וועלכע פערבלייבען טהעטיג בלויז אויף איין געביט. אזוי, אז דאָס שוואכט אָפּ די ס. ט. אָרגאניזאציאנען.

די געגנאָסען וועלכע זיינען מיט דיעזער מיינונג, קוקען קרום אויף דעם וואוקס פון ארב. רינג, ווייל וואס מעהר דער ארבייטער ארדען צוואוואקסט זיך, אלץ מעהר ציהט ער אָפּ כחות פון דער פארטיי.

אזא אנשויאונג האָט זיך געקענט ענטוויקלען, ווייל די פערהעלטניסע צווישען די טיילען פון אונזער בעוועגונג, זיינען געוועזען אונאטירליך אָנגעצויגען. אָבער ווען דער ארבייטער ארדען ערפילט זיין גייסטיגע און מאָראלע אויפגאבע, אזוי גוט ווי ער בעשיצט און בעהיט זיין מאטעריעלע פּעראנטוואָרטליכקייט, ווערט פערשווינדען אָט דיזע מיינונג.

פערקעהרט, וואס מעהר דער ארב. רינג דרינגט אריין צווישען די ארבייטער קרייזען, אלץ מעהר ליכט און אויפקלעהרונג ווערט אריינגעבראכט אין די ווינקעלעך פון די מאסען, וועלכע ווערען מיט דער צייט ערצויגען צו דעם סאָציאליסטישען קאמפּף.

עס איז דאָך א פאקט, אז וואס גרעסער עס ווערט די מיטגליעדערשאפט פון ארב. רינג, אלץ שטאַרקער ווערט אויך די פעדעראציע און אלץ ברייטער ווערט אונזער פּאָליטישער און סאָציאלער איינפלוס אויף דער אידישער גאס.

ווי באלד דער ארבייטער געהט היינט אריין אין ארדען זיך צו פערזיכערן געגען באלדיגע אונמיטעלבאַרע געפאהרען, באַברידערענדיג זיך מיט דיזעלבע מענשען פון זיין קלאַס, וועט ער שוין מיט דער צייט פערשטעהן, אז מען מוז זיך פערזיכערן געגען די שטענדיג איבלען פון אונזער געזעלשאפטליכען לעבען, און ווערען א קעמפּפער פאר'ן סאציאליסטישען אידעאל.

די סאציאליסטען, ווי די ארב. רינג מיטגליעדער, געווינען אין געמיינזאמער איינינקייט און געגענזייטיגער פערשטענדניש. דאָס איז בעוויזען געוואָרען כמעט אין אלע שטעדט, וואו די גרויסע און שעהנע ארבייטער טעמפּלען זיינען אויסגעבויט געוואָרען: ווי נוארק, בראָנזוויל, פּיטסבורג א. ז. וו., און פערקעהרט, אין די שטעדטלעך ווי הארטפארד, דולוטה און נאָך און נאָך, וואו קיין צו שטאַרקע איינינקייט איז ניטאָ, איז א פיעל ערגערע און קלעגליכערע לאגע.

מען דארף זעהן וואס שנעלער פּטור ווערען פון אזוינע אונפריינדליכע בעציהונגען צווישען דער ס. פּ. און ארבייטער רינג, כדי ביידע זאָלען קענען זיך געמיינשאפטליך ענטוויקלען און וואקסען.

לאזאר סאמאילאָוו:

# דער פּראָגרעס פון וויסענשאפט און טעכניק

## די קלענסטע טיילען פון זאַכען.

איינע פון די וויכטיגסטע פּראָבלעמען, וואס האָבען שטענדיג בעאונרוהיגט די מוחות פון די נאטור-פאָרשער, איז געוועזען די פראגע וועגען די א ט אָ מ ע ן ד. ה. די פראגע וועגען דער קלענסטער טהייל פון זאַכען. מען האָט זיך פארגעשטעלט, אז די גאנצע וועלט איז אָנגעפילט מיט אטאָמען. אזעלכע אטאָמען האָבען געצאָלט זיין ארום 80 בעזונדערע מינים, און איין אטאָם האָט זיך אונטערשיידעט פון דעם צווייטען אי מיט זיין גרויס אי מיט זיינע אינערליכע אייגענשאפטען. די אטאָמען זיינען זעהר קליין. זיי זיינען אונגעפעהר צוויי הונדערט מיליאָנטעל פון אן אינטש. ד. ה., מען דארף אויסלעגען צוויי הונדערט מיליאָן (200,000,000) אזעלכע אטאָמען איינעם לעבען צווייטען כדי זיי זאלען פערנעהמען די לענג פון אן אינטש. די אטאָמען האָבען אויך פערשיעדענע נעמען. איין מין זיינען די אטאָמען פון גאָלד; א צווייטער מין זיינען די אטאָמען פון אייזען; א דריטער מין זיינען די אטאָמען פון זויערשטאָף; א פערטער מין זיינען די אטאָמען פון וואסער-שטאָף, א. ז. וו., א. ז. וו.

ווען צוויי אטאָמען בעגעגנען זיך קען דער רעזולטאט זיין זעהר א פערשיעדענער. ווען עס בעגעגנען זיך צוויי אטאָמען פון גאָלד, פעראייניגען זיי זיך זעהר שטאַרק און עס איז שווער זיי אָבצוטהיילען איינס פון דעם צווייטען. ווען פיעלע מיליאָרדען אזעלכע אטאָמען פעראייניגען זיך צוזאמען האָבען מיר פאר זיך א שטיק הארטען, געלען און גלאנציגען מעטאל, וועלכען מען רופט ג אָ ל ד. אונגעפעהר דאָס זעלבע קומט פאר, ווען עס בעגעגנען זיך די אטאָמען פון אייזען. ווען עס בעגעגנען זיך צוויי אטאָמען פון זויער-שטאָף פעראייניגען זיי זיך אויך, אָבער שוין ניט אזוי שטאַרק; זיי האלטען זיך אויף א גאנץ רעספּעקטאבעלע ווייטקייט איינער פון צווייטען. ווען עס פערזאמלען זיך פיעלע מיליארדען אזעלכע אטאָמען, האָבען מיר פאר זיך ניט קיין הארטען שטאָף, נאָר א גאז, וועלכען מען קען ניט זעהן אדער אָנטאפּען, נאָר וועלכען מען קען דערפיהלען און דערוויזען דורך פערשיעדענע זייטיגע מיטלען. די אטאָמען פון דיעזען גאז זיינען אזוי ווייט אָבגערוקט איינער פון צווייטען, דאָס שטראהלען פון ליכט קענען דורכגעהן דורך זיי גאנץ פריי. און ווען מען פיהרט דורכ'ן גאז דורך מיט א האנד אדער אן אנדער הארטע זאַך, טרעטען די אטאָמען אָב אָן א זייט און לאָזען די זאַך דורכגעהן פריי. און אונגעפעהר דאָס זעלבע קומט פאר, ווען עס בעגעגנען זיך די אטאָמען פון וואסער שטאָף.

דאָס איז, ווען עס בעגעגנען זיך אטאָמען פון דעם זעלבען מין. און ווען עס בעגעגנען זיך אטאָמען פון פערשיעדענע מינים, דאן קענען אויך זיין פערשיעדענע פעלע, ווען אן אטאָם פון אייזען בעגעגנט צ. ב. ש. אן אטאָם פון גאָלד, וועלען זיי איינער דעם צווייטען פערבייגעהען און איינער וועט דעם צווייטען ניט שענקען די קלענסטע אויפמערקזאמקייט. דאָס זיינען צוויי אטאָמען, וואס קעהרען ניט איינער פאר דעם צווייטען און איינער וויל מיט דעם צווייטען ניט האָבען וואס צו טהאָן. זעהט איהר, ווען אן אטאָם פון אייזען בעגעגנט זיך מיט אן אטאָם פון זויער שטאָף, כאפּען זיי זיך ארום ווי די בעסטע פריינד און פעראייניגען זיך אזוי שטאַרק, דאָס סע איז

ניט אזוי ליבט זיי ווידער פאנאנדערצושיידען. און ווען צוויי אטאָמען פון פערשיעדענע מינים פעראייניגען זיך, דאן רופט מען זיי אָן א מאָלעקול. דער אטאָם פון אייזען פעראייניגט מיט דעם אטאָם פון זויער שטאָף שטעלען מיט זיך פאר איין מאָלעקול פון ראָסט אָדער זשאַווער.

ווען עס בעגעגנען זיך איין אטאָם פון זויער שטאָף מיט איין אטאָם פון וואסער שטאָף ווילען זיי זיך ניט פעראייניגען, אָבער ווען איין אטאָם פון זויער שטאָף בעגעגענט זיך מיט צ ו ו י י אטאָמען פון וואסער שטאָף — דאן פעראייניגען זיי זיך און מאבען צוזאמען איין מאָלעקול פון . . . ו ו א ס ע ר. יא. וואסער בעשטעהט פון מאָלעקולען, און יעדער מאָלעקול פון וואסער שטעלט מיט זיך פאר א פעראייניגונג פון איין אטאָם פון זויער שטאָף מיט צוויי אטאָמען פון וואסער שטאָף.

ווי שוין פריהער בעמערקט, האָט מען ביז דער לעצטער צייט ענטדעקט ארום 80 בעזונדערע מינים אטאָמען און מען האָט גערעכענט, אז יעדער אטאָם בעזונדער עקזיסטירט פון אייביג און קען זיך ניט ענדערען. נאָך מיט א צוויי צעהנדליג יאהר צוריק איז עס געווען אָנגענומען אלס א געזעץ פון נאטור און איז געווען אויסגעדריקט אין אזא פאָרמע: „קיין אטאָם ווערט ניט פערניכטעט און קיין איין אטאָם ווערט ניט געבוירען אויף דאָס ניי.” און דיעזער געזעץ האָט זיך געהאלטען אזוי לאנג ביז עס זיינען ניט געמאכט געווארען צוויי זעהר וויכטיגע ענטדעקונגען. אין דעם יאהר 1895 האָט דער דייטשער פראָפעסאר ר ע נ ט ג ע ן ענטדעקט די זאָגענאנטע „עקס” שטראהלען, אדער רענטגען שטראהלען, און דריי יאהר שפּעטער האָט מאדאם ק ו ר י ע ענטדעקט דעם וואונדערבארען ר א ד י ו ם. דיזע צוויי ענטדעקונגען האָבען אָנגעמאכט א גאנצע רעוואָלוציע אין דער וויסענשאפטליכער וועלט, און מען האָט אָנגעפאנגען קוקען מיט אנדערע אויגען ניט נאָר אויף די אטאָמען, נאָר אויף פיעלע, פיעלע אנדערע זאכען און ערשיינונגען אין דער וועלט.

וואס אנבעלאנגט די אטאָמען, האָט זיך ארויסגעצייגט, אז זיי קענען אי פערניכטעט ווערען אי געבוירען ווערען אויף דאָס ניי. און אויסגעפונען האָט מען עס אויף אזא אופן. מען האָט גענומען אזא מאטעריאל, וואס רופט זיך א ו ר א נ י ו ם און אריינגעלעגט אין א גוט פערמאכטער כלי. בעפאר מען האָט די כלי פערמאכט, האָט מען דעם אוראניום אונטערזוכט מיט אזעלכע דעליקאטע אינסטרומענטען און אויסגעפונען, אז ער ענטהאלט אין זיך ניט קיין איין אטאָם פון ראדיום. און ווען מען האָט דעם זעלבען אוראניום אונטערזוכט מיט א פאר טאָג שפעטער, האָט זיך ארויסגעצייגט, אז ער ענטהאלט אין זיך ראדיום. פרעגט זיך, פון וואנען האָט זיך דער ראדיום אהער גענומען? דערנאָך האָט מען גענומען אביסעל ראדיום זאלץ, אריינגעלעגט אין אזא ספעציעלע גלעזערנע כלי, און אין א פאָר טעג שפעטער האָט זיך ארויסגעצייגט, אז אין דער זעלבער כלי האָט זיך בעוויזען אן אנדער שטאָף, וואס רופט זיך ה ע ל י ו ם. איז דאָך ווידער די פראגע, פון וואנען האָט זיך גענומען אהער דער העליום? און אָט דיזע און אנדערע עהנליכע עקספערימענטען האָבען געפיהרט צום בעשלוס, אז איין אטאָם קען זיך ענטוויקלען פון א צווייטען.

די טעאריע וועגען די אטאָמען, וואס הערשט יעצט אין דער וויסענשאפט, איז שוין בעדייטענד אנדערש, ווי די טעאָריע וועגען די אטאָמען פון אמאָל. און דיעזע נייע טעאָריעס ווערען אלץ מעהר און מעהר בעשטעטיגט דורך פיעלע פאקטען און עקספערימענטען. יעצט שטעלט מען זיך פאָר, אז אן אטאָם בעשטעהט פון א גרעסערער אדער קלענערער צאָהל בעזונדערע טהיילען, און דיזע טהיילען פון דעם אטאָם האָט מען אָנגערופען ע ל ע ק ט ר אָ נ ע ן. יעדער עלעקטראָן שטעלט מיט זיך פאָר א שטיק עלעקטריציטעט. אין צענטער געפינען זיך די פאָזיטיווע עלעקטראָנען (אָדער פאָזיטיווע עלעקטריציטעט) און ארום זיי דרעהען זיך מיט אן אונגעהייערע שנעלקייט די נעגאטיווע עלעקטראָנען (אָדער נעגאטיווע עלעקטריציטעט); און אלע צוזאמען שטעלען זיי מיט זיך פאר איין אטאָם. דער אונטערשיעד פון איין אטאָם און א צווייטען בעשטעהט נאָר אין דער צאָהל פון זיינע עלעקטראָנען; אייניגע אטאָמען בעשטעהען פון א גרעסער, און אנדערע אטאָמען בעשטעהען פון א קלענערער צאָהל עלעקטראָנען.

מען מוז צוגעבען, אז ניט אלעס איז קלאָר אין דיזער טיעפזיניגער און העכסט אינטערעסאנטער טעאָריע וועגען די אטאָמען. עס איז נאָך דאָ פלאץ פאר א סך פראגען. אבער פון דער צווייטער זייט ווערט דיזע טעאָריע בעשטעטיגט דורך פיעלע עקספערימענטען, און וואס ווייטער מיט דער צייט געפינט מען אלץ מעהר און מעהר פאקטישע בעווייזע, וואס בעשטעטיגען דיזע טעאָריע. און אויב מיר האָבען זיך דאָ, אין אונזער אָבטהיילונג, פערנומען מיט דיזער פראגע, איז עס דערפאר, ווייל גאָר ניט לאנג צוריק זיינען געמאכט געווארען נייע עקספערימענטען, וואס בעשטעטיגען אלץ מעהר און מעהר די טעאָריע וועגען די עלעקטראָנען.

אלזא, וואס איז דער קלענסטער טהייל פון זאכען? וועדליג דער טעאריע, וואס עס הערשט יעצט אין פיזיק און אין כעמיע, איז דער קלענסטער טהייל פון זאכען דער ע ל ע ק ט ר אָ ן. ווי גרויס איז אן עלעקטראָן? עס ווערט געשאצט, אז אן עלעקטראָן איז צ ו ו י י ה ו נ ד ע ר ט א ו ן פ ו פ צ י ג ק ו ו א ד ר א ל י אָ נ ט ל ע ך פון אן אינטש. דאָס מיינט, אז מען דארף אויסלייגען צוויי הונדערט און פופציג קוואדראליאָן (250,000,000,000,000) עלעקטראָנען איינעם לעבען צווייטען אז זיי זאָלען פערנעהמען די לענג פון אן אינטש. דער ענגלישער פראָפעסאר סיר אָליווער לאָדזש גיט אזא פערגלייך. ער זאָגט, אז אן עלעקטראָן איז אויף אזוי פיעל מאָל קלענער ווי אן אטאָם, ווי א קליין פינטעלע אין פערגלייך מיט א הויז, וואס איז 100 פוס די לענג, 80 פוס די ברייט און 40 פוס הויך.

---

## א נייע קראפט.

די טעגליכע צייטונגען און די וויסענשאפטליכע זשורנאלען רעדען יעצט וועגען א מאָדנעם און העכסט סענסאציאנאלען וואונדער. עס איז א סברה, אז מען האָט ענטדעקט אין דער א נייע קראפט, וואס האָט א פיעל גרעסערע בעדייטונג פון דאמפף און פילייכט אויך פון עלעקטריציטעט. און דיזע קראפט האָט שוין אויך א נאָמען: מען רופט עס „גאראבער”, נאָך דעם נאָמען פון דעם ערפינדער.

לאָמיר דאָ דערצעהלען די געשיכטע פון אָנפאנג.

אין וואשינגטאָן איז געקומען א מאן מיט'ן נאָמען ג א ר א ב ע ד ג ע ר א ג אָ ס י א ן און געפאָדערט פון דעם פאטענט אָפיס, אז מען זאָל איהם ארויסגעבען א פאטענט אויף זיינע א נייע ערפינדונג. זיין ערפינדונג בעשטעהט אין א נייעם סארט מאָטאָר, וואס ווערט געטריבען פון א נייער קראפט, וועלכער ער האָט ענטדעקט אין דער נאטור. די קראפט איז אזא, וואס זי צו פראדוצירען דארף קיין געלד ניט קאָסטען; זי איז דאָ איבעראל אין דער לופטען, און וואו דער מאָטאָר, אָדער די מאשין זאָל ניט שטעהן, קען זי ווערען געטריבען פון דיזער נייער קראפט. דיזער מאָטאָר קען טרייבען א פליה־מאשין ארום דעם גאנצען ערדקוגעל ניט אָבגעשטעלטערהייט; מען קען אזעלבע מאָטאָרען איינפיהרען אין די הייזער און ענטוויקלען מיט זיי ליכט און ווארימקייט און אנדערע בעקוועמליכקייטען, וואס א הויז קען פאָדערען; ער קען טרייבען קארס, בעוועגען די מאשינען אין די שעפער און פעקטאָרים, — הכלל דער מאָטאָר קען טהאָן אלע ארבייט, וואס א געוועהנליכע דאמפף מאשין. די מעלה פון דיזען מאָטאָר איז, וואס, ערשטענס קאָסט ער א סך ביליגער ווי א דאמפף מאשין, און צווייטענס, — וואס עס איז וויכטיגער פון אלעם — מען דארף ניט האָבען ניט קיין קויהלען, ניט קיין געזאָלין און ניט קיין אנדערע מאטעריאלען, מיט וואס צו ענטוויקלען די קראפט, וואס זאָל טרייבען דיעזען נייעם מאָטאָר.

דאָס געזעץ פאָדערט, אז ווען איינער וויל האָבען א פאטענט אויף זיינע אן ערפינדונג, מוז ער צושטעלען אין דעם פאטענט־אָפיס די בעשרייבונגען מיט די פלענער פון דער ערפינדונג מיט אלע איינצעלהייטען. און ווען די ספעציאליסטען פון פאטענט־אפיס איבערצייגען זיך, אז די ערפינדונג איז ווירקליך א נייע און אזא, וואס וועט טאקע ארבייטען — ערשט דאן גיבען זיי ארויס א פאטענט. אָבער מר. געראגאסיאן וויל

דערוויילע קיינעם ניט זאגען וועגען די איינצעלהייטען פון זיין ערפינדונג און ער וויל מען זאָל איהם ארויסגעבען א פּאטענט גלויבענדיג איהם אויפ'ן ווארט. און אזוי ווי דאָס איז געגען דעם געזעץ, און א געזעץ איבערמאכען אדער אָבשאפען קען נאָר דער קאָנגרעס מיט דער צושטימונג פון דעם פּרעזידענט, דעריבער האָט זיך מר. גרעאגאסיאן געווענדעט צו דעם קאָנגרעס און געפאדערט, אז מען זאָל מיט איהם מאכען אן אויסנאהמע און ארויסגעבען איהם א פּאטענט אויף זיין נייער ערפינדונג בעפאר ער האָט צוגעשטעלט די בעשרייבונג וועגען די איינצעלהייטען פון דער ערפינדונג. און אויף איינע פון זיינע זיצונגען האָט דער קאָנגרעס די פראגע אויפגענומען און ארויסגעטראגען א רעזאלוציאן צו גונסטען פון מר. גרעאגאסיאן. און יעצט, ווען דער פּרעזידענט וועט דיעזען ביל אונטערשרייבען, וועט עס ווערען א געזעץ און מר. גרעאגאסיאן וועט בעקומען א פּאטענט אויף זיין ערפינדונג.

די אורזאכע פאר וואס דער קאָנגרעס האָט אין דיזען פאַל געמאכט אזא זעלטענע אויסנאהמע איז, וואס דיעזע ערפינדונג, ווען עס זאל זיך ארויסצייגען טאקע אלס אזוי, ווי עס ווערט פּרעטענדירט, האָט זעהר א גרויסע בעדייטונג פאר'ן לאנד; צו דער זעלבער צייט אָבער איז דער ערפינדער זעהר איינגעשפּארט און וויל בשום אופן ניט דערצעהלען די איינצעלהייטען וועגען דער ערפינדונג; ער וויל מיט זיין ערפינדונג ניט ריזיקירען. עס איז גאר ניט אזא זעלטענהייט אין דער געשיכטע פון ערפינדונגען, אז מאכען אן ערפינדונג זאל איינער און געניסען פון דער ערפינדונג זאל א צווייטער. אלזא, וויל ער זיך בעוואָרענען. האָט מען דעריבער געמאכט אן אויסנאהמע.

אבער די גאנצע געשיכטע קלינגט אביסעל מאָדנע. שטעלט אייך פאר אז א געוועהנליכער שאפּ ארבייטער איז געקומען א היים און האָט דערצעהלט דער ווייב, אז ער האָט היינט פערריענט אדער געוואונען א מיליאָן דאָלאר, און אז די טעג דארף ער דאָס געלד בעקומען פון באנק, און ער צייגט זאגאר א טשעק אויף די געלד. א שטייגער, ווי מיינט איהר, וואס וואלט אין אזא הויז פארגעקומען? די קינדער וואלטען שוין אויף מאָרגען ניט געגאנגען אין די שעפּער און מען וואלט אָנגעפאנגען מאכען פארבערייטונגען פאר א נייעם, פרייערען לעבען.

ווען דער מאָטאָר, אויף וועלכען מר. גרעאגאסיאן פּרעטענדירט, זאל זיך ארויסצייגען פאר א ווירקליכקייט, וואלט עס געהאט פאר אמעריקא ניט קיין קלענערע, אויב ניט קיין גרעסערע בעדייטונג, ווי א מיליאָן דאָלאר אין דער הויז פון אן ארימען ארבייטער. די פראגע וועגען קראפט צו בעוועגען די מאשינעס, די פראגע וועגען קויהלען און גאזאָלין איז איינע פון די שארפסטע און וויכטיגסטע אין דעם יעצטיגען מאָמענט. און אויב מען האָט ערפונדען אזא מאָטאָר און ענטדעקט אזא קראפט, וואס זאל דיעזען מאָטאָר בעוועגען און זאל קיין געלד ניט קאָסטען, בעדייטעט עס דאָך א פאָלשטענדיגע רעוואָלוציע, די גרעסטע רעוואלוציע אין דער טעכניק, און דאָך איז עפּעס אזוי רוהיג, ווי קיין וואלט ניט פּאסירט.

און ווייטער — יעדען טאָג ווערען אין אמעריקא געמאכט פיעלע טויזענדער מאשינען און מאָטאָרען, וואס דארפען בעטריבען ווערען מיט דער קראפט פון דאמפּף אדער גאזאָלין, היינט שטעלט זיך פאָר, אז עס האָט זיך פּלוצלונג געעפענט א פאבריק, וואס האָט אָנגעפאנגען מאכען מאשינען, וואס קאָסטען אי ביליגער, אי מען דארף צו זיי קיין קויהלען אדער גאזאָלין ניט האָבען! וואס וועט דאן זיין? וועט דאָך יעדער איינער קויפען דעם נייעם סארט מאָטאָר, און די אלטע סארטען וועט דאָך קיינער ניט וועלען קויפען און מען וועט זיי מוזען ארויסווארפען, — טאָ כאר וואס מאכט מען זיי נאָך יעצט, ווען עס איז בעוואוסט אז אזא מאָטאָר איז שוין ערפונדען געווארען?

דער תירוץ איז, אז עס גלויבט זיך ניט, אז עס זאל מעגליך זיין. עס גלויבט זיך ניט, אז מען זאל טאקע האָבען ערפונדען אזא מאָטאָר, וואס זאל ניט פערברויכען שטענדיג אלין פרישען ברען־מאטעריאל; עס גלויבט זיך ניט, אז אזא איבערקעהרעניש זאָל קומען אזוי פּלוצלונג, מיט אמאָל, ניט פארבערייטעטערהייט. יעדע וויכטיגע ערפינדונג איז ניט געקומען מיט אמאָל, נאָר עס האָט זיך ענטוויקעלט לאנגזאם, אין משך פון פיעלע יאָהרען, און פיעלע בעזונדערע מענשען האָבען מיטגעהאָלפען דער ענטוויקלונג פון יעדער מאשין און פון יעדער טעכנישער איינריכטונג. און דאָ קומט א מאַן און דערצעהלט, אז ער האָט איינער אליין אויפגעטהאָן ביידע זאכען: אי ער האָט ענדעקט א נייע קראפט אין דער נאטור, אי ער האָט ערפונדען א מאשין, וואס זאל דורך דיעזער קראפט ארבייטען. און דאָס גלויבט זיך ניט. עס איז זיך שווער פארצושטעלען, אז איין מענש זאל האָבען ענטדעקט אין דער נאטור א נייע קראפט און אליין ענטוויקעלט זי צו א צושטאנד פון פאלקאָמענער אָנווענדונג, און דיזע קראפט זאל זיך קיין מאָל בעפאר ניט האָבען אין קיין זאך אויסגעדריקט, אז קיינער זאָל זי ניט האָבען פריהער בעמערקט.

מען קען ניט זאגען, אז אלעס, וואס מר. גרעאגאסיאן בעהויפּטעט איז פאלש, אדער אז צו ענטדעקען אדער ערפינדען אזא קראפט אדער אזא מאטאָר איז ניט מעגליך אדער איבערנאטירליך. קיינער צווייפעלט ניט, אז אין דער נאטור זיינען דאָ אסך קרעפטען, וואס קיינער ווייס נאָך דערווילע ניט וועגען זיי און וועלכע ווארטען, אז די וויסענשאפט זאָל זיי ענטדעקען און אָנווענדען פאר די נוצען פון דער מענשהייט. מען קען, אלזא, גלויבען אז אלעס, וואס עס ווערט בעהויפּטעט וועגען דער ניי ענטדעקטער קראפט „גאראבער" איז מעגליך און נאטירליך. אָבער דאָך, — אזוי לאנג ווי מיר האָבען נאָך ניט די נייע מאשינעס, וואס זאָלען ארבייטען מיט דער קראפט פון „גאראבער" דענק איך ניט, אז עס זאָל ראטהזאם זיין ארויסצואווארפען די אלטע מאשינען, וואס ארבייטען אויף דאמפּף אדער גאזאלען, אדער אז מען זאל שוין אויפהערען צו מאכען אזעלכע מאשינען.

# זיצונגען פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו קאָמיטע א. ר.

דער רעגולאר מאָנטליכער מיטינג פון דער נאציאָנאלער עקזעקוטיוו קאָמיטע פון ארבייטער רינג ווערט ערעפענט שבת, דעם 9טען מערץ, 2 אוהר נאָכמיטאג, פון טשערמאן פריימד אב. עפּשטיין.

פריינד וויינבלאט בעריכטעט, אז פר. גאָלדינג און ער זיינען געוועזן פערטראטען ביים יאהרעספעסט און באנקעט פון בר. 86 און בעגריסט דעם ברענטש אין נאָמען פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו קאָמיטע. ביי דער געלעגענהייט איז קאָלעקטירט געווארען 70.50 דאָלאר פאר'ן 25 טויזענד דאָלאר פאָנד פאר די אידישע מלחמה קרבנות. דער ברענטש וועט צולעגען 29.50 דאָלאר און ארייטשיקען אין אָפיס 100 דאָלאר פאר'ן רעליעף.

דער בעריכט ווערט גוט געהייסען.

---

פר. ל. ראטהמאן בעריכטעט, אז פר. פלאשענבערג און ער זיינען געוועזן פערטראטען ביי בר. 439, ביי זייער 8 יעהרליכען יובילעאום. זיי האָבען בעגריסט דעם ברענטש אין נאָמען פון דער נאצ. עקז. און גערעדט וועגען דעם מעמבערשיפּ קאמפיין.

דער בעריכט ווערט גוט געהייסען.

פר. גאָלדינג בעריכטעט, אז פר. מאלאט און ער האָ־בען פערטראַטען די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע ביים 10 יעהרליכען יובילעאום פון בר. 185. די פייערונג פון יובילעאום איז געווען אן אמת יום־טוב׳דיגע. דער ברענטש האָט אויסגע־דריקט א דאנק צו דער עקזעקוטיווע פאר שיקען צו זיי פערטרע־טער.

דער בעריכט ווערט גוט געהייסען.

פר. וויינבלאַט ערקלערט, אז בר. 36 האָט אויסגעדריקט דעם וואונש, דאָס אַלע ביישטייערונגען וואס ברענטשעס מאַ־בען, ווי צום ביישפּיעל, פאר היברו אימיגראַנט אייד סאָסיי־עטי, פאר רעליעף, פאר האָספּיטאַלס א. ד. גל., זאָלען געשיקט ווערען דורכ׳ן דזשענעראַל אָפיס פון ארב. רינג. דאָס וואלט געגעבען א מעהר גענויעם בעגריף וועגען דער געזעלשאַפט־ליכער טהעטיגקייט פון אלע ברענטשעס און וועגען דער פינאַנ־ציעלער שטיצע וואס איז געגעבען געווארען צו פערשיעדענע אנשטאַלטען.

עס ווערט בעשלאָסען צו מאַבען אויפמערקזאַם די ברענ־טשעס אויף דעם דורכ׳ן „פריינד.״

## קאָנווענשאַן קאָמיטע רעפּאָרט.

פריינד וואהלבערג בעריכטעט, אז לויט די בריעף וואס זיי האָבען געקראַגען פון דער קאָנווענשאַן אראַנדזשמענטס קאָ־מיטע אין פּיטסבורג, איז אלעס דאָרט אראַנזשירט געוואָ־רען. די עקזעקוטיוו קאָנווענשאַן קאָמיטע האָט אויסגעארבייט א ליסט פאר די בעדזשעס און גענומען עסטימייטס פאר דיזע. די בעדזשעס וועלען קירצליך געאָרדערט ווערען.

דער בעריכט ווערט גוט געהייסען.

## רעזולטאַט פון רעפערענדום וועגען דעקען די דיוס פון די געדרעפטעטע.

פריינד ל. ראטהמאן בעריכטעט, אז פר. מאלאט און ער האָבען געצעהלט דעם רעפערענדום וועגען שאפען א פאָנד צו דעקען די דיוס פון די געדרעפטעטע. פאר פּונקט 1, וואס לעזט זיך:

1. עס זאָל געשאפען ווערען א ספּעציעלער פאָנד פון וועל־כען דער ארב. רינג זאָל צאָהלען דיוס פאר ביז איצט געדרעפּטעטע מעמבערס, ווי אויך פאר די וועלכע וועלען זיין געדרעפּטעט און זיינען מעמבערס פון ארב. רינג ניט ווייניגער ווי 6 מאָנאַטען. די־זער פאָנד זאָל אויך בענוצט ווערען פאר אנדערע צוועקען, פער־בונדען מיט העלפען די געדרעפּטעטע מעמבערס.

איז אָבגעגעבען געווארען 4996 שטימען. געגען דעם פּונקט איז אָבגעגעבען געווארען 608 שטימען.

פאר דעם, אז דער פאָנד זאָל געשאפען ווערען דורך א טעקס פון 15 סענט פער קווארטאל פער מעמבער, 2575 שטי־מען.

פאר א טעקס פון 10 סענט פער קוואַרטאל פער מעמבער איז אָבגעגעבען געווארען 4916 שטימען.

דאָס הייסט, אז עס איז דורכגעגאנגען, דאָס עס זאָל געשאפען ווערען א פאָנד צו דעקען די דיוס פון די געדרעפּ־טעטע דורך א טעקס פון 10 סענט פער מעמבער פער קוואר־טאל.

אין דעם רעפערענדום האָבען זיך בעטהייליגט ארום 400 ברענטשעס.

דער בעריכט ווערט גוט געהייסען.

## רעפּאָרט פון סאַניטאַריום רעליעף קאָמיטע.

פר. גיסקין בעריכטעט, אז די ברענטשעס איבער׳ן לאנד האָבען זיך זעהר וואַרים אָבגערופען אויף דעם אפּיעל פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע צו שאפען 25 טויזענד דאָלאר פאר די אידישע מלחמה קרבנות.

עס איז יעצט דאָ אין אָפיס ארום זיעבען טויזענד דאָ־לאר.

פר. גוסקין ערקלעהרט, אז די טהעאַטער פארשטעלונגען, וואס זיינען געגעבען געווארען אין ניו יארק דעם 25טען פעב־רואר פאר׳ן סאַניטאַריום רעליעף פאָנד, וועלען אריינברענ־גען ארום 13-14 הונדערט דאָלאר. אזוי ווי עס זיינען נאָך ניט בעוואוסט גענויע די אויסגאבען אין צוזאַמענהאַנג מיט די טהעאַטער אונטערנעהמונגען, ווי אדווערטייזמענטס, סיינס א. ד. גל., איז אונמעגליך אָנצוגעבען דעם גענויעם פּראָפיט.

דער בעריכט ווערט גוט געהייסען.

## ליגעל קאָמיטע רעפּאָרט.

פר. עפּשטיין בעריכטעט, אז די קאָמיטע שטעהט יעצט אין ענגע פערבינדונגען מיט אונזער ליגעל אדוויייזער, מאיר לאָנדאָן, און מאַבט אלע נויטיגע פארבערייטונגען צו לעגאַ־ליזירען דעם ארבייטער רינג אין די סטייטס,, וואו ער איז ניט געטשאַרטערט.

דער בעריכט ווערט גוט געהייסען.

## צושריפטען.

פון פר. ה. קינבורן, דירעקטער פון מעין סטייט — ער שרייבט, אז צוליעב עקאָנאָמישע אורזאַכען איז איהם אויס־געקומען צו פערלאַזען מעין סטייט און ער פיהלט זיך מעהר ניט בערעכטיגט צו אָנהאַלטען דעם אמט אלס נייישאַנאַל די־רעקטאָר. ער בעט אָנצונעהמען זיין רעזיגנאַציאָן און ארויס־שיקען א רעפערענדום פאר א נייעם דירעקטער.

עס ווערט בעשלאָסען אָנצונעהמען זיין רעזיגניישאָן און בעשטימען נייע וואהלען פאר א נייישאַנאַל דירעקטאָר אין מעין סטייט.

פון דער היברו אימיגראַנט אייד סאָסיעטי — לאַדען איין צוויי פערטרעטער צו זייער יעהרליכען מיטינג, דאָנער־שטאג אבענד, דעם 14טען מערץ.

ערוועהלט פריינדע צוקער און סילווערמאן.

פון ברענטש 76 — שרייבען, אז זיי זיינען ניט איינפער־שטאַנען דערמיט וואס עס ווערט געגעבען א מעגליבקייט בלויז צו אזעלכע געשטראָבענע מעמבערס וואס זיינען אריינגעקו־מען אין ארב. רינג פאר יאנואר 1918, אז זייער עלטער זאָל גערעכענט ווערען לויט די ערשטע יאָהרען, ווען זיי האָבען זיך אָנגעשלאָסען אין ארב. רינג. בר. 76 איז מיט דער מיי־נונג, אז די פריווילעגיע דארף געגעבען ווערען אויך צו אזעל־כע געשטראָבענע מעמבערס, וואס ווילען זיך יעצט צוריק אָנ־שליסען אין ארב. רינג.

בעשלאָסען זיי ענטפערן, אז זיי קענען דאָס רעקאָמענדי־רען דער קאָנווענשאָן.

## סעקרעטער׳ס רעפּאָרט.

פריינד באַסקין, דזשענעראַל סעקרעטער, בעריכטעט, אז פּיעלע ברענטשעס איבער׳ן לאנד האָבען אריינגעשיקט ביי־שטייערונגען פאר׳ן 25 טויזענד דאָלאר פאָנד דורכשניטליך צו 1.50 דאָלאר פער מעמבער. די ביישטייערונגען פון מאַנ־כע קאָונטרי ברענטשעס זיינען אזוי גרויס ווי 3-4 דאָלאר פער מעמבער. וועגען די ניו יארק ברענטשעס האָט מען איבערגע־געבען אז פּיעלע האַלטען די געלדער ביז די לעצטע קאָלעק־שאָנס וועלען ביי זיי געמאַבט ווערען און דאן צוזאַמען אריינ־שיקען אין אָפיס.

ער האָט געשריבען צום עקטשוערי, מר. עלדרידזש, און איהם געבעטען זיך צואיילען מיט׳ן וועליואיישאָן רעפּאָרט, אום מיר זאָלען זיך קענען ווענדען צו די פערשיעדענע סטייטס מיט אַפּליקיישאַנס פאר טשאַרטערס.

פר. באַסקין דייטעט אָן, אז ענגלישע זשורנאַלען פון פראַ־טוירנאַל אָרדערס גיבען דעם ארבייטער רינג קרעדיט פאר אָנ־גענומען די סיסטעם פון פראַטוירנאַל רייטס. דער „קאַלי־דזשיען״ שרייבט: „דער ארבייטער רינג, אן אָרגאַניזאַציאָן פון 60,000 מעמבערס, האָט פאר די לעצטע דריי יאָהר אָנ־געפיהרט צווישען די מיטגליעדער אן אויפקלעהרונגס קאַמ־פּיין פאר פראַטוירנאַל רייטס. דער רעזולטאַט איז, אז די מעמבערס האָבען געשטימט מיט א גרויסער מאַיאָריטעט אָנ־צונעהמען די רייטס, אום צו מאַכען זיכערער דעם אָרדען. אַנ־דערע פראַטוירנאַל ארגאַניזאַציאָנען וואלטען זיכער געדענקט, אז עס איז אונמעגליך, דאָס מעמבערס זאָלען אליין שטימען צו פערגרעסערען זייערע דיוס. דער ארב. רינג האָט געצייגט,

אז דאס איז יא מעגליך, ווען עס ווערט אנגעפיהרט עדיוקיישאנאל ארבייט צווישען די מיטגליעדער."

ער גיט אן פאלגענדע בודזשעטען פאר'ן נעקסטען מאנאט:

| | |
|---|---|
| אדמיניסטריישאן פאנד — — — | $2,500.00 |
| סאניטאריום קאמיטע — — — | 6,000.00 |
| עדיוקיישאנאל קאמיטע — — — | 800.00 |
| „פריינד" פאנד — — — — — | 1,000.00 |
| ארגאניזאציאנס קאמיטע — — | 200.00 |

פר. באסקין ערקלעהרט, אז דער קאמישאנער אוו אינשורענס פון ניו יארק סטייט האט געשריבען, אז לויט די געזעצען פון סטייט קענען בענעפיציאנטען זיין אויך שטיף־פאטערס, שטיעף־מוטערס און שטיעף־קינדער.

עס ווערט בעשלאסען זיך דורכצורעדען וועגען דעם מיט אונזער ליגאל ארוויזער, מאיר לאנדאן, און אויב עס וועט נויטיג זיין אן ענדערונג אין אונזער קאנסטיטושאן, אויסצוארבייטען א רעקאמענדיישאן צום קאנווענשאן.

דער רעפארט פון סעקרעטער ווערט גוט געהייסען.

## רעפארט פון דער ארגאניזאציאנס קאמיטע.

פריינד דינערשטיין, טשערמאן פון דער קאמיטע רעפארטעט, אז די פיטסבורג דיסטריקט קאמיטע האט געלאזט וויסען, אז זיי פיהרען אן דעם קאמפיין פאר נייע מעמבערס. זיי האבען פערשפראכען פרעזענטירען מיט א בענער דעם ברענטש וואס וועט אריינגעהמען די גרעסטע צאהל נייע מיטגליעדער.

בר. 92, וואשינגטאן, פיהרט אן טיכטיגע קאמפיין צו פערגרעסערען די מיטגליעדערשאפט. זיי בעקלאגען זיך אבער אז די צייט איז ניט קיין גינסטיגע. זיי ערווארטען גוטע רעזולטאטען פון דער ארבייט צו העלפען שאפען דעם 25 טויזענד דאלאר פאנד פאר די מלחמה קרבנות.

די מינעאפאליס דיסטריקט קאמיטע האט געלאזט וויסען, אז זיי וועלען מאכען אן ארבייטער רינג „טעג דעי" פאר'ן רעליעף און אז זיי פיהרען אויך אן א לעבעדיגע טהעטיגקייט פאר נייע מעמבערס.

פריינדע באסקין און עפשטיין זיינען געווען פערטראטען ביים יאהרעספעסט פון בר. 600. עס איז געווען זעהר א שעהנע פערזאמלונג און קאנצערט. דער ברענטש האט ביי דער געלעגענהייט אריינגענומען עטליכע און פופציג נייע מעמבערס. פר. ב. לעווינסאן טהוט זעהר גוטע ארבייט פאר'ן ברענטש.

פריינד אב. עפשטיין איז געווען פערטראטען אין פאסייק, נ. דזש., ביי א מיטינג וועגען מעמבערשיפ קאמפיין. די מעמבערס האבען זיך בעקלאגט, אז די מיטינגען פון די ארטיגע ברענטשעס ווערען שוואך בעזוכט.

ער (פריינד דינערשטיין) איז געווען פערטראטען אין ניו הייווען ביי א מאסס מיטינג. אבוואהל דער מיטינג איז געווען שוואך אדווערטייזט, איז ער דאך געווען גוט בעזובט. זיי האבען אויך געהאט א גוטען קאנצערט. פריינד דינערשטיין האט דארט גערעדט וועגען מעמבערשיפ קאמפיין און וועגען רעליעף פאנד. ביים מיטינג זיינען אריינגענומען געווארען 18 נייע מעמבערס.

אין הארטפארד איז די ארגאניזאציאנס ארבייט די לעצטע צייט אביסעל אבגעשוואכט געווארען. די נאצ. ארג. קאמיטע האט דארום בעשלאסען צו ארראנזשירען א דזשאינט מיטינג פון די דארטיגע ברענטשעס און שיקען אהין א פערטרעטער.

די פילאדעלפיא דיסטריקט קאמיטע האט ארראנזשירט צוויי מאסס מיטינגען אויף מארץ, דעם 10טען מערץ, און געבעטען די ארגאניזאציאנס קאמיטע צו שיקען א רעדנער. פר. דינערשטיין בעט די עקזעקוטיווע צו ערוועהלען אהין א פערטרעטער, ווייל די ארג. קאמיטע וועט מארגען האבען אייגענע מיטינגען צו אטענדען. ערוועהלט פר. דאווידאף.

די סאן פראנציסקא דיסטריקט קאמיטע האט ארראנזשירט 5 מאסס מיטינגען אין פערשיעדענע פלעצער, כדי אויפצולעבען די ארבייט פון מעמבערשיפ קאמפיין.

פר. דינערשטיין איז געווען ביים מיטינג פון בר. 200, וואס איז גערופען געווארען אין פערבינדונג מיט דעם מעמבערשיפ קאמפיין. דער מיטינג איז געווען זעהר גוט בעזוכט און די מעמבערס האבען פערשפראכען צו טהאן גוטע ארבייט.

אויף דעם פערלאנג פון לייבאר ליגע האט די ארגאניזאציאנס קאמיטע בעשלאסען צו שיקען פון צייט צו צייט רעדנער צו זייערע מאסס־מיטינגען.

דער בעריכט פון דער ארגאניזאציאנס קאמיטע ווערט גוט געהייסען.

## רעפארט פון דער סאניטאריום קאמיטע.

פריינד גוסקין, טשערמאן פון דער קאמיטע, בעריכטעט, אז דיזען מאנאט האבען פיעלע ברענטשעס ארראנזשירט אונטערנעהמונגען אין פערבינדונג מיט דער פייערונג פון סאניטאריום טאג. ברענטש 600 האט געפייערט דעם ערשטען יאהרעס־פעסט און געבעטען שיקען א פערטרעטער מיט די בילדער פון סאניטאריום. פר. פערלאוויץ איז געווען דארט פערטראטען און, ווי ער גיבט איבער, האבען די בילדער געמאכט א זעלטען גוטען איינדרוק אויף די אנוועזענדע.

ביי דער סאניטאריום רעליעף אונטערנעהמונג, ארראנזשירט פון בר. 315, בארא פארק, ברוקלין, זיינען געווען פערטראטען פריינדע אדלער און וואהלבערג. אויך דארט זיינען געציינט געווארען די בילדער פון סאניטאריום.

פר. אדלער איז אויך געשיקט געווארען אין פילאדעלפיא מיט די סטערעאפטישע פיקטשורס פון סאניטאריום צו א סאניטאריום רעליעף אונטערנעהמונג.

פר. גוסקין ערקלעהרט, אז א געוויסער מעמבער האט זיך געווענדעט צו דער קאמיטע, דאס מען זאל ערלויבען זיין פרוי אריינגענומען צו ווערען אין סאניטאריום אלס בעצאהלטע פאציענטין. דער בעטרעפענדער האט ערקלעהרט, אז ער איז וויליג איינצוצאהלען פאר עטליכע מאנאטען אין פאראויס, כדי מען זאל וועגען דעם ניט אנפרעגען ביי זיין ברענטש. (אין געוועהנליכע פעלע דארף דער ברענטש בעשטעטיגען, אז ער וועט זיין פעראנטווארטליך פאר די איבעריגע צייט וואס דער בעצאהלטער פאציענט וועט פערבלייבען אין סאניטאריום, אויב דער מאן אדער די עלטערן וועלען פאר דעם פאציענט ניט איינצאהלען.) דער מעמבער האט אנגעדייטעט, אז דער ברענטש וואו ער בעלאנגט בעשטעהט פון זיינע לאנדסלייט און ער וויל ניט, דאס זיי זאלען וויסען, אז זיין פרוי איז קראנק אויף קאנסאמפשאן.

די סאניטאריום קאמיטע האט בעשלאסען, אז אויב פאר א בעצאהלטען פאציענט וועט איינגעצאהלט ווערען פאר 8 וואכען אין פאראויס, זאל דיזער קענען אריינגענומען ווערען, ניט ווענדענדיג זיך אין גאנצען צום ברענטש. אין אזא פאל וועט יעדע פיער וואכען מוזען, געמאכט ווערען א נייע צאהלונג פאר פיער וואכען אין פאראויס, כדי עס זאל אלע מאל בלייבען א דעפאזיט פאר פיער וואכען.

עס איז בעשלאסען געווארען צו קויפען אן אינסינירייטאר (צו פערברענען די ספאטום), וואס וועט קאסטען ארום 250 דאלאר.

אין האספיטאל זיינען געמאכט געווארען ווינדאו סקרינס צו פערהיטען פון רעגענס און שטורמס.

דער טשיקען־רענטש איז יעצט אין א גוטען צושטאנד. די לעצטע צייט קומען אריין ארום 60 דאזען אייער א טאג.

דר. ריווקין, דער אסיסטענט דאקטאר, וועט קירצליך פערלאזען דעם סאניטאריום. אויף זיין פלאץ איז רעקאמענדירט געווארען א געוויסער דר. היבש, וועלבער איז א גוטער, ערפאהרענער דאקטאר און א מענש מיט פעראנטווארטליכקייט. ער איז א געענדיגטער דאקטאר פון רוסלאנד און איז יעצט פערבונדען מיט דעם סטייט סאניטאריום אין האמבורג, פא. די קאמיטע האט בעשלאסען אנצושטעלען דר. היבש אלס אסיסטענט דאקטאר.

בעריכט פון דער סאניטאריום קאמיטע ווערט גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער גריוועָנס קאָמיטע.

פריינד וויינבלאַט, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, בעריכטעט, אז א געוויסער ברענטש האָט אַפּעלירט געגען דעם בעשלוס פון דער בענעפיט קאָמיטע צוריקצואווייזען פאר א וואָך בענעפיט צו זייערען א מעמבער. דעם 30טען נאָוועמבער, 1917, איז ביי זיי געווען שטרייך אבענד און דער מיטינג האָט דעם בעטרעפענדען ניט געשטראָכען. דעם 1טען דעצעמבער איז ער קראַנק געוואָרען און געלאָזט וויסען דעם האָספּיטעלער. דער סעקרעטער האָט ניט געוואוסט פון זיין קראַנקהייט און דעם 5טען דעצעמבער האָט ער איהם געשטראָכען, אָהן דעם בעשלוס פון מיטינג. דער ברענטש האָט געטענה'ט, אז דער בעטרעפענדער איז אויף אזא אופן אונגעזעצליך געשטראָכען געוואָרען און איז דאָרום בערעכטיגט צו דעם בענעפיט. דער האָספּיטעלער פון ברענטש האָט בעשטעטיגט, אז ער האָט איהם די גאַנצע צייט אַטענדעט.

די בענעפיט קאָמיטע, וויעדער, האָט ערקלעהרט, אז דער מעמבער איז קראַנק געווען, לויט די סערטיפיקייטס, פון 1טען ביז'ן 21טען דעצעמבער. ער איז אָבער געווען געשטראָכען אין אָפּיס פון דעם 5טען ביז דעם 13טען דעצעמבער. די בענעפיט קאָמיטע האָט דאָרום בעשלאָסען אויסצוצאָהלען בלויז פאַר צוויי וואָכען בענעפיט און אָנדייטען דעם ברענטש, אז אויב ער איז אויף אַן אונגערעכטען אופן געשטראָכען געוואָרען, זאָל דער ברענטש ליידען פאַר די וואָך בענעפיט.

די גריוועָנס קאָמיטע האָט בעשלאָסען גוט צו הייסען דעם אַפּיעל געגען דער בענעפיט קאָמיטע, נעהמענדיג אין אַנבעטראַכט, דאָס דער מעמבער איז געשטראָכען געוואָרען אין ברענטש דורך א מיספערשטענדניס.

פר. וויינבלאַט גיט איבער וועגען נאָך איינינע קייסעס, איבער וועלכע זיי איז אויסגעקומען צו האַנדלען אין פערלויף פון מאָנאַט, און דער רעפּאָרט פון דער גריוועָנס קאָמיטע ווערט גוט געהייסען.

---

## רעפּאָרט פון דער בענעפיט קאָמיטע.

פריינד גאָלדינג, טשערמאַן פון דער קאָמיטע בעריכטעט, אז א מעמבער האָט אַפּעלירט געגען ברענטש פאַר ענטזאָגען איהם אויסצוצאָהלען פאַר 7 וואָכען בענעפיט (ער האָט געהאַט אַן אָפּעריישאָן אויף אַפּענדיסיטיס.) דער סעקרעטער פון ברענטש האָט ערקלערט, אז דער בעטרעפענדער האָט זיך ניט געמעלדען קראַנק אין ברענטש. זיי ווייסען, אז ער איז געווען אין האָספּיטאַל איינינע וואָכען. ווען ער איז אַרויס פון האָספּיטאַל האָבען איהם איינינע מעמבערס בעזוכט פּריוואַט, אָבער ניט אַלס קאָמיטעס פון ברענטש. דער ברענטש וויל זיך האַלטען שטרענג אן דעם קאָנסטיטוציאָנעלען פּונקט, אז בענעפיט זאָל ניט אויסגעצאָהלט ווערען, ווען דער מעמבער מעלדעט זיך ניט קראַנק.

די בענעפיט קאָמיטע האָט בעשלאָסען צו בעדאַנקען דעם ברענטש פאַר דיזער פּאָזיטיווער האַנדלונג אין בעצוג בענעפיט. אין דעם פאַל אָבער איז בעשטימט געוואָרען די בענעפיט אויסצוצאָהלען, נעהמענדיג אין אַנבעטראַכט די סטייטמענטס פון האָספּיטאַל און די בעשטעטיגונג פון ברענטש, דאָס דער בעטרעפענדער איז ווירקליך קראַנק געווען.

די בענעפיט קאָמיטע שטעהט אויף דעם שטאַנדפּונקט, אז עס איז איהר אויפגאַבע ניט בלויז צו זעהן, אז אונגעזעצליכע בענעפיט זאָלען ניט אויסגעצאָהלט ווערען, נאָר אויך צו זעהן, אז מעמבערס זאָלען ניט אויסגעצאָהלט ווערען, נאָר אויך צו זעהן, אז מעמבערס זאָלען ניט בערויבט ווערען פון זייערע בענעפיטס ווען זיי זיינען דערצו בערעכטיגט.

פר. גאָלדינג ערקלעהרט, אז די קאָמיטע געהט אָן מיט רוטינע ארבייט פון פּעסען בענעפיט. זיי בעזוכען מעמבערס עט לאַרדזש, ווי אויך אויטסייד מעמבערס וואָס ווערען קראַנק אין ניו יאָרק.

דער רעפּאָרט פון דער בענעפיט קאָמיטע ווערט גוט געהייסען.

---

## רעפּאָרט פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע.

פריינד צוקער בעריכטעט, אז די ביכער וועלען די טעג ארויס פון דרוק. דאָס וועלען זיין 7 בענדער, שעהן געבונדען און אַלע צוזאַמען וועלען פערקויפט ווערען צו מעמבערס פאַר 1.50 דאָלאַר. די ביכער זיינען: „אַסטראָנאָמיע" פון ב. צביון (ארום 300 זייטען); „פּאָליטישע עקאָנאָמיע" פון א. ש. זאַקס (צוויי בענדער); „פיזיאָלאָגיע" פון דר. י. א. מעריסאָן (צוויי בענדער); „געאָלאָגיע" פון דר. אב. קאַספּע (צוויי בענדער).

די פּאַבליק לעקטשורס וואָס זיינען אַראַנזשירט געווען פאַר גרייטער ניו יאָרק זיינען ניט געווען גוט בעזוכט און די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט בעשלאָסען אויפצוגעבען די איבעריגע אַכט לעקטשורס וואָס זיינען פערבליבען דורכצופיהרען.

אין פּאַבליק סקוהל 62, ניו יאָרק, ווערען פאָרטגעזעצט די קורסען אין פּאָליטישער עקאָנאָמיע פון א. ש. זאַקס און אין אידיש פון י. לעווין. ביידע קורסען זיינען גוט בעזוכט. דעם דריטען קורס אין סיוויקס פון ה. ראַגאָף, וואָס די קאָמיטע האָט אַראַנזשירט פאַר דיזען סיזאָן, איז אונמעגליך געווען דורכצופירען, ווייל אויס מאַנגעל אין קויהלען איז די פּאַבליק סקוהל בלויז עטליכע אבענדען א וואָך געווען בעהייצט און גראַדע די אבענדען איז גענ. ה. ראַגאָף פערנומען.

דער לעקטשור טור פון גענ. גורעוויטש איז באַלד געענדיגט. לויט די בעריכטען וואָס זיי האָבען געהאַט איז דער טור געווען גאַנץ ערפאָלגרייך.

דער אָרקעסטער מאַכט אַלע פּאָרבערייטונגען פאַר די אינסטאַליישאָן אַלס ברענטש פון ארבייטער רינג. זיי קלייבען זיך צו פייערען זייער אינסטאַליישאָן דורך א קאָנצערט געגעבען פון ארקעסטער אליין.

נאָכדעם ווי עס ווערען געשטעלט איינינע פראַגען ווערט דער רעפּאָרט פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע גוטגעהייסען.

---

## רעפּאָרט פון דער אָפּיס קאָמיטע.

פריינד א וואָגנקי, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, בעריכטעט, אז די עקסטרא העלפּ, וואָס איז אָנגעשטעלט געוואָרען אין צוזאַמענהאַנג מיט דער ארבייט פון איינפיהרען די רעקאָרדס לויט די סיסטעם פון פּראַטוירנאַל רייטס איז אוועקגעשיקט געוואָרען, אויסער איין טייפּרייטערין.

א פּאַרטישאָן איז געמאַכט געוואָרען ארום דעם קעשיר'ס ווינדאָו, וועלכע וועט קאָסטען ארום 175 דאָלאַר.

מיסס גאָרדאָן, א טייפּרייטערין, וואָס האָט געארבייט אין אָפּיס ארום זיעבען יאָהר האָט פערלאָזען ניו יאָרק און א צווייטע איז אָנגעשטעלט געוואָרען אויף איהר פּלאַץ.

אזוי ווי עס האָט זיך אָנגעקליבען א היבשע סומע געלד אין די בענק, האָט די אָפּיס קאָמיטע בעשטימט צו קויפען פאַר 30,000 דאָלאַר באָנדס.

צוליעב דעם וואָס טעקסעס זיינען די לעצטע צייט פיעל געשטיגען, האָט דער „פאָרווערטס" געהעכערט 500 דאָלאַר א יאָהר אויף די רענט פון אָפּיס. דער פערוואַלטונגס ראַטה פון „פאָרווערטס" האָט בעוויליגט פאַר אינז א ליעס אויף דריי יאָהר און צו האָבען דעם פאָרצוג פון אן אנדערען צוויי יאָהר נאָך דיזען טערמין.

די קאָמיטע האָט אָנגענומען פאָלגענדע רעקאָמענדיישאָנס צום קאָנווענשאָן:

1) אז אינשורענס זאָל פון יאַנואַר 1919 אָנגענומען ווערען ביז 1,000 דאָלאַר. ווען א מעמבער וועט וועלען פערגרעסערען זיין אינשורענס, זאָל ער דאַרפען האָבען א מעדיקאַל עקזאַמינײשאָן.

2) פון יאַנואַר 1919 זאָלען נייע מיטגליעדער אריינגענומען ווערען אין דער עלטער פון 18 ביז 45 יאָהר.

3) ברענטשעס זאָלען פון יאַנואַר 1919 קרעדיטירט ווערען אויך מיט'ן מאָרטשוערי פאָנד פאַר געשטראָכענע מעמבערס.

די אָפּיס קאָמיטע האָט בעשלאָסען צו ברענגען צו דער נאַצ. עקזעקוטיווע די פראַגע וועגען דעם צי עס זאָל אָבגעשאַפט ווערען די 1% איינטריטס געלד, אדער די סיסטעם זאָל בלייבען ווי יעצט ביז די פולע פּראַטוירנאַל רייטס וועלען איינגעפיהרט ווערען.

עס ווערט בעשלאָסען צו ברענגען די פראגע וועגען איינס פראָצענט איינטריטס געלד ווי אויך וועגען די איבריגע רעקאָמענדיישאָנס צו דער דזשענעראל קאָנווענשאָן רעקאָמענדיישאָן קאָמיטע.

דער רעפּארט פון דער אפיס קאָמיטע ווערט גוט געהייסען.

---

דער טשערמאן, פר. אב. עפּשטיין, בעריכטעט, אז די טשערלייט פון די דעפּארטמענט קאָמיטעס האָבען געהאַט א מיטינג און בעשלאָסען, אז צוליעב דעם וואס פיעלע עקזעקוטיוו מיטגליעדער וועלען מאָרגען זיין פערנומען ביי פערשיערענע קאָנפערענצען און מאַסס מיטינגען, זאל דער מיטינג פון דער נאַציאָנאלער עקזעקוטיווע אבגעהאלטען ווערען היינט.

דער בעריכט ווערט גוטגעהייסען.

פ. געליעבטער, רעק. סעקרעטער.

---

פעהלער־ אויסבעסערונג.

אין פעברואר נומער „פריינד”, אין בעריכט פון ארג. קאָמיטע, ווערט געזאגט, אז פר. זאלצמאן איז געוועזען פערמאַנענט ביי בר. 603 אין פּאָקיפּסי. עס דאַרף זיין אין פ י ק ס ק י ל.

# צושריפטען פון די פערוואלטונגס קאָמיטעע

## וועגען טעקס פאר די געדרעפּטעטע.

צו אלע ברענטשעס פון ארבייטער רינג.

ווערטהע פריינדע:

דער רעפערענדום וועגען געדרעפּטעטע מעמבערס האָט בעשלאָסען, אז א טעקס פון 10 סענט פער קווארטאל זאָל ארויפגעלעגט ווערען אויף יעדען מעמבער אום צו שאַפען א פאָנד, פון וועלכען מען זאָל האָבען די מעגליכקייט צו דעקען די דיוס פאר די געדרעפּטעטע מעמבערס און זאָל אויך דיענען פאר אנדערע ספּעציעלע צוועקען, פערבונדען מיט דעם דרעפט. דיזער טעקס טרעט אריין אין קראפט אין קווארטאל 71 און פון דיעזען קווארטאל אָן און ווייטער וועלען געדרעפּטעטע א. ה. מעמבערס זיין פריי פון זייערע דזשענעראל דיוס. עס פערשטעהט זיך, אז לאָקאלע דיוס וועלען די ברענטשעס אליין שענקען.

ארויסשיקענדיג די בילס צו די ברענטשעס פאר קווארטאל 71 וועט דער דזשענעראל אָפיס ארויפשטעלען די פולע טשאַרדזשעס לויט די טאָטאל מעמבערשיפּ פון יעדען ברענטש און יעדער ברענטש בעזונדער וועט דערפון גלייך צושטעלען אן אָפּיציעלען סטייטמענט וועגען די צאָהל געדרעפּטעטע מעמבערס פון זייער ברענטש, זייער סערטיפיקייט נומער, קלאס און עלטער און אין וועלכען קעמפּ זיי געפינען זיך, און דער ברענטש וועט דערנאָך קריעגען קרעדיט פון דזשענעראל אָפיס פאר דיעזע געדרעפּטעטע מעמבערס לויט די רייטס, וואָס זיי דאַרפען צאָהלען.

מיר האָפען, אז די סעקרעטערע וועלען זעהן צו אטענדען דערצו שנעל און פּינקטליך און דערמיט פערלייכטערען די אַרבייט פאר'ן דזשענעראל אָפיס און אויך טאַקע געבען א מעגליכקייט די אלע שוין געדרעפּטעטע מעמבערס אונזערע צו בענוצען זיך מיט דיעזער פּריווילעגיע. פערבלייבען מיר

מיט פריינדליכען גרוס,

נאַצ. עקז. קאָמיטע, ארב. רינג.

י. באַסקין, דזש. סעק.

---

## וועגען דעם קאַמפּיין פאר די מלחמה קרבנות.

צו אלע מעמבערס פון ארבייטער רינג.

ווערטהע פריינדע:

אונזער קאמפּיין פאר דעם 25 טויזענד דאָל. פאָנד פאר די מלחמה קרבנות ערנעהנט זיך צו זיין ענד און די רעזולטאַטען זיינען נאָך דערווייל לײדער זעהר מאָגערע. עס איז אינגאַנצען 7 וואכען צום קאָנווענשאָן און מיר מוזען קומען צום קאָנווענשאָן מיט דער פולע סומע, וועלכע מיר האָבען זיך געשטעלט אלס ציעל צו קאָלעקטען. פיעלע ברענטשעס, איבערהויפּט די קאונטרי ברענטשעס האָבען געטהאָן זייער פליכט און האָבען אריינגעשיקט אין דזשענ. אָפיס סומען געלד, וועלכע זיינען אונגעהויער גרויס אין פערגלייך מיט זייער מעמבערשיפּ. און וועגען דיעזע ברענטשעס האָבען מיר נאָר צו זאגען א לויב געזאנג. אָבער פיעלע, פיעלע ברענטשעס האָבען נאָך דערווייל זיך ניט אָפּגערופען. מעגליך, אז זיי האָבען קאָלעקטעט געלדער, נאָר דער אָפיס ווייס נאָר דערפון גאָר נישט.

פריינדע, אויב איהר האָט ביי זיך געלדער קאָלעקטיט, שיקט זיי גלייך אריין אין דזשענעראל אָפיס און אויב איהר האָט נאָך ניט קאָלעקטעט דאן טהוט עס אזוי שנעל ווי מעגליך. זעהט, אז די סומע, וועלכע איהר וועט אריינשיקען זאל אויסמאַכען אם ווענינגסטענס 50 סענט פער מעמבער.

איילט זיך, צו. די צייט איז קורץ. די גאָלדענע בלעטער אין „פריינד” מוזען זיין אָנגעפילט מיט אלע ברענטשעס און אייגצעלנע מעמבערס פון ארב. רינג און זיי וועלען צייגען דער וועלט וועגען דער שעהנער, נאָבעלער ארבייט, וואס דער ארבייטער רינג האָט אויפגעטהאָן. זיי וועלען דיענען אלס א גלענצענדער מאָנומענט, אן אייביגע אנדענקונג פון די אלע וועמעס נעמען עס וועלען דאָרט ערשיינען.

זאָל יעדער ברענטש און יעדער מעמבער פערעוויגט ווערען אין דיעזע גאָלדענע בלעטער.

יעדע פעני, וועלכע איהר האָט פאר די מלחמה קרבנות זאָלט איהר גלייך אריינשיקען אין דזשענ. אָפיס. טהוט עס גלייך.

מיט פריינדליכען גרוס,

נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע אַרבייטער רינג,

י. באַסקין, סעקרעטער.

---

## וועגען דעם קאמפּיין פאר נייע מעמבערס.

צו אלע ברענטשעס פון ארבייטער רינג.

ווערטהע פריינדע:

ווען די נאַצ. עקז. קאָמיטע איז אריין אין אמט און האָט ארויסגעלאָזען אן אויסרוף פאר א קאמפּיין פון 10 טויזענד נייע מעמבערס ביז'ן קאָנווענשאָן, האָט זי גאַנץ גוט געוואוסט אז די אומשטענדען זענען און וועלען אין דיזען יאָהר ניט זיין גינסטיג פאר אזא קאמפּיין. זי האָט אָבער געוואוסט, אז די מעמבערס פון ארב. רינג וועלען מיט זייער ענערגיע און איבערגעבענהייט אריבערשטייגען אלע שטערונגען און מאכען דעם קאמפּיין פאר אן ערפאָלג. און די ארב. רינג מעמבערס האָבען ווירקליך עס בעוויזען. פיעלע ברענטשעס האָבען זיך אריינגעווארפען אין קאמפּיין און האָבען צוגעצויגען פיעלע, פיעלע נייע רעקרוטען אין זייערע רייהען. און פיעלע אנדערע ברענטשעס טהוען נאָך דעם זעלבען ביישפּיעל. די קוואָטא אבער איז לײדער נאָך ווייט פון איהר פולער מאָס. די קאָנווענשאָן קלאַפּט שוין אין אונזערע טהירען. נאָך 7 וואָכען זיינען פערבליבען צו איהר, און מיר מוזען אָנשטרענגען אלע אונזערע קרעפטען צו פערשטאַרקערען אונזערע רייהען אין דיעזע 7 וואָכען אויף אזוי פיעל, אז מיר זאלען קענען ביי דער קאָנווענשאָן צייגען דער וועלט מיט וואס פאר אן איבערגעבענהייט און טרייהייט אונזערע מעמבערס ארבייטען פאר זייער אָרגאַניזאציאָן.

פריינדע, זאל יעדער אייגער פון אייך טהאָן זיין פליכט, זאָל יעדער אייגער פון אייך אין פערלויף פון דיזע 7 וואָכען

טהאָן אַלעס וואס ער קען און מעהר וויפיעל ער קען און אונזער ערפאָלג וועט זיין א פאָלקאָמענער. יעדער איינער פון אייך האָט פריינד און בעקאַנטע, ארבייטער און קלענערע ביזנעס לייט, וועלכע זיינען פאַסיג פאר'ן ארב. רינג און זיינען אָבער, צוליעב פיעלע אורזאכען נאָך ניט מעמבערס ביי אונז, אגי־טירט זיי, ערקלעהרט זיי וועגען ארב. רינג און זיי וועלען זיין מיט אונז. זיי וועלען זיך אָנשליסען אָן אונזערע רייהען און העלפען אונז פיהרען די קעמפפע פאר פרייהייט, פאר א שעה־נערע און בעסערע צוקונפט, זאל ווערען לעבעדיג, זאל זיך אָנ־פאנגען אזא ברויזענדע טהעטיגקייט, אז די גאנצע ארבייטער־שאפט זאל זיך פעראינטערעסירען מיט אונז.

יעדער איינער פון אייך זאָל און מוז אריינקריגען כאָטש איין נייעם מעמבער ביז'ן קאָנווענשאָן.

מיט פריינדליכען גרוס,

נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע ארבייטער רינג,

אָרגאַניזאציאָנס דעפארטמענט.

י. באַסקין, סעקרעטער.

---

## קאָרעקשאָן.

אין דער ליסטע פון ברענטשעס, וועלכע האָבען געשטימט פאר די פראטוידנאל רייטס איז דורכגעלאָזען געוואָרען בר. 278, וועלכער האָט אבגעגעבען 26 שטימען פאר און 7 געגען.

---

# רעפּאָרטען פון די טעריטאָריעלע קאָנפערענצען

## ניו יארקער קאָנפערענץ.

זונטאג, דעם 3טען מארטש, 11 אוהר מאָרגענס, האָט זיך דער קאָנפערענץ געעפענט אין „פארווערטס" האָל. פר. אב. עפשטיין, דער טשערמאן פון דער דזש. עקז., ערקלעהרט, אז דער 18טער יעהרליכער קאָנווענשאָן וועט ערעפענט ווערען זונ־טאג, דעם 5טען מאי אין פיטסבורג, פא., און וועט אָנהאלטען ביז'ן 10טען מאי. ער בעמערקט אויך, אז די גרייטער ניו יארק ברענטשעס זיינען בערעכטיגט צו זיין פערטרעטען צום קאָנווענשאָן דורך 53 דעלעגאטען, פון וועלכע דיזער קאָנפע־רענץ וועט דארפען שטימען פיר 106 און וועלען געהן דאן צום רעפערענדום צו די ברענטשעס צום אָבשטימען. עס ווערען דאן געמאכט נאָמינייש אָנס פאר א טשערמאן פאר'ן קאָנפע־רענץ און פר. א. וואליצקי פון בר. 100 ווערט אלס אזעלכער ערוועהלט. פר. דזש. ראָטמאן פון בר. 49 ווערט ערוועהלט אלס וויס־טשערמאן.

אלס סעקרעטערע ווערען ערוועהלט די פריינד'ע ס. יע־לין, פון בר. 38 און מ. וואלבערג, בר. 82. אין דער קרעדענ־שעל קאָמיטע ווערען ערוועהלט די פריינדע י. אנאפאל בר. 2, האלפערן בר. 36, האלמסטאק בר. 91, העגקין בר. 351 און ראזענבלאט בר. 539.

די קרעדענשאָל קאָמיטע האָט שפּעטער בעריכטעט, אז עס זיינען פערטראטען ביים קאָנפערענץ 122 ברענטשעס דורך 177 דעלעגאטען. פון דער דזש. עקז. זיינען געווען אלס פער־טרעטער די פריינדע אב. עפשטיין, מ. פערלאוויטש און דזש. וויינשטיין.

דער טשערמאן לעזט פאר די לעסטע פון אלע קאנדידאטען, וועלכע די ברענטשעס האָבען נאָמינירט אלס דעלעגאטען צום קאָנווענשאָן, איבער וועלכע קיין אבדזשעקשאָנס זיינען ניט גע־מאכט געוואָרען. ער ערקלערט דארום, אז 163 קאנדידאטען זיינען פאראן אויפ'ן באלאָט, און פיר 106 וועלען די שדעלע־גאטען פון דיעזען קאָנפערענץ דארפען שטימען.

דער דעלעגאט פון בר. 260, פר. א. בעניםאָוו, פרעגט וואָ־רום זיין נאָמען געפינט זיך ניט אויפ'ן באלאָט, אין דער צייט וואס דער ברענטש 260 האָט זיין נאָמען צוגעשיקט אין אָפיס. דער דזש. סעק. פר. באסקין ענטפערט דאָס זיי האָבען אזא בעשטעטיגונג פון ברענטש ניט ערהאלטען, און עס ווערט בע־שלאָסען דאָס יעדער דעלעגאט וועלכער וועט שטימען דעם באלאט זאל אליין צושרייבען פר. בענימאָוו'ס נאָמען ווען זיי וועלען געפינען פאר נויטיג.

נאָכמיטאג איז געווען א צווייטע זיצונג מיט נ. פייערמאן בר. 165 אלס טשערמאן און מ. גערשאנאָוו, ברענטש 132 אלס וויס טשערמאן. עס איז ערוועהלט געוואָרען א צעהלער קאָ־מיטע פון 5 דעלעגאטען איבערצוצעהלען די באלאָטס און בע־ריכטען אין דער פרעסע דעם רעזולטאט פון די שטימען. אלס קאָמיטע איז ערוועהלט געוואָרען די פריינדע א. באק בר. 28, ספייער בר. 75, מאנדעל בר. 225, מאטלין בר. 2, יאלאווסקי בר. 1.

נאָכדעם ווי די דעלעגאטען האָבען אָבגעשטימט די באַ־לאָטס איז געמאכט געוואָרען א ראָלל קאָלל פון אלע דעלעגאטען און די באלאָט זיינען איבערגעגעבען געוואָרען צו דער צעהלער קאָמיטע.

ס. יעלין, בר. 38.

מ. וואָלבערג, בר. 82,

סעקרעטערע.

מיר די צעהלער קאָמיטע, בעשטעטיגען דאָס דיזע 106 דעלעגאטען האָבען געקראָגען די גרעסטע צאָהל שטימען אלס קאנדידאטען פיר דעלעגאטען צום קאָנווענשאָן. די נעמען זיי־נען אויסגעשטעלט לויט די צאָהל שטימען וואס זיי האָבען גע־קראָגען ביים קאָנפערענץ:

| נאָמען | נאָמינירט פון ברענטש | נאָמען | נאָמינירט פון ברענטש |
|---|---|---|---|
| אדלער, א. | 510 | זאלצמאן, ר. | 286 |
| איוועגסקי, מ. | 194 | יאקובי, ס. | 93 |
| צוקער, א. | 400 | קופערמאן, י. | 72 |
| ישורין, י. ה. | 200 | אלטמאן, ל. | 602 |
| שעהר, ה. | 585 | קורהאן, ר. | 368 |
| פיינערמאן, נ. | 165 | פרידמאן, מ. | 28 |
| דינערשטיין, ל. | 99 | פאָזעס, מ. | 87 |
| אשפיז, מ. | 410 | ביילין, ל. | 608 |
| דייווידאָף, מ. | 147 | פערלמוטער, ר. | 271 |
| יעלין, ס. | 38 | סילווערמאן, א. | 455 |
| גינזבורג, ל. | 1 | העסקיל, מ. | 246 |
| פערלאָוויץ, מ. | 280 | הייפערלינג, ס. | 439 |
| גינזבורג, ר. | 2 | בערקאוויץ, ל. | 66 |
| נודעלמאן, ס. | 275 | פאראלסקי, ס. | 272 |
| גערשאנאָף, מ. | 132 | שווארץ, מ. | 570 |
| וואלבערג, מ. | 82 | האלמסטאק, י. | 91 |
| לאנגער, א. | 354 | מייערסאן, טש. | 20 |
| לאנדסמאן, ל. | 225 | סלאנימסקי, י. | 555 |
| נעכאמקין, ר. | 500 | שפינראד, מ. | 235 |
| בעצאהלער, ל. | 42 | בראון, ב. | 245 |
| דראבקין, ס. | 352 | וואלאוויץ, ב. | 517 |
| ראטמאן, ל. | 195 | קאָהן, וו. | 39 |
| וואליטצקי, א. | 100 | זייעץ, מ. | 64 |
| בריק, א. | 288 | סיעגעל, י. | 53 |
| יוראק, ס. | 471 | פישמאן, נ. | 417 |
| קאסאוויץ, י. | 136 | קרינסקי, ב. | 231 |
| אלפערין, ד. | 36 | קאטין, מ. | 214 |
| אבראמאוויץ, א. | 219 | מאלאט, מ. ל. | 576 |
| דריישפיעל, י. | 74 | ראטמאן. י. | 49 |

| נאָמען | נאָמינירט פון ברענטש |
|---|---|
| סודאקאָף, א. | 548 |
| ראָזענבלאַט, דזש. | 539 |
| עבעריל | 346 |
| גאָטליעב, ה. | 300 |
| וואלפּערט, מ. | 96 |
| פרידבערג, פּ. | 5 |
| פארבער, דזש. | 43 |
| רודאווסקי, ה. | 88 |
| פּעסקין, ס. | 309 |
| בערגער, מ. | 144 |
| פּערלשטײן | 597 |
| פּאלעי, ס. | 514 |
| גאָרעליק, מ. | 206 |
| בערמאַן, ל. | 560 |
| ליטאווער, נ. | 386 |
| חייעט, א. | 507 |
| גרינבערג, י. | 580 |
| גיטלין, פּ. | 442 |
| שפּערלינג, ל. | 291 |
| גוטמאַן, א. | 68 |
| שערמאַן, מ. | 201 |
| אלטמאַן, מ. | 213 |
| מאלינאָווסקי, מ. | 578 |
| מילער, י. | 108 |

| נאָמען | נאָמינירט פון ברענטש |
|---|---|
| ווײנשטײן, י. | 146 |
| קיילעס, ב. | 299 |
| גערשטנער, טש. | 407 |

| נאָמען | נאָמינירט פון ברענטש |
|---|---|
| באָרנשטײן, י. | 581 |
| גאָלדמאַן, ד. | 367 |
| קאָהן, מ. | 150 |
| גערשענצוויט, י. | 330 |
| לעוויטאַן, ב. | 600 |
| ניומאַן, ל. | 54 |
| מאַזיע, ב. | 244 |
| האכען, מ. | 80 |
| ראבינאָוויץ, מ. | 8 |
| הארוויץ, ה. | 355 |
| רוהם, ס. | 551 |
| בראונשטײן, ב. | 278 |
| גודמאַן, ס. | 543 |
| הענקין, א. | 351 |
| פּרוזשינסקי, י. | 205 |
| קורלענדער, ה. | 70 |
| בורשטײן, ד. | 405 |
| וואלאס, ס. | 75 |
| ווײנבערג, י. | 335 |
| גינזבורג, ל. | 138 |
| רובינסאָן, א. | 298 |

צעהלער קאָמיטע ניו יארק טעריטאריעל קאָנפערענץ.

| | |
|---|---|
| א. באק | 28 |
| ז. ספּײער | 75 |
| מאַנדעל | 225 |
| מאַטלין, | 2 |
| יאַדלאָווסקי | 1 |

## פּענסילווייניא סטייט.

זונטאג, דעם 3טען מארטש, 1918, זיינען זיך צוזאמענגעקומען די דעלעגאטען פון פּענסילווייניא סטייט צו נאָמינירען די דעלעגאטען צו דער 18 יעהרליכער קאָנווענשאָן. די קאָנפערענץ איז ערעפענט געווארען פון פר. עטינגער, סעקרעטער פון דער ארגאניזיישאָן קאָמיטע. אין א פּאָר קורצע ווערטער, ערקלערט פר. עטינגער די אויפגאבע און טאגעס אָרדנונג פון דער קאָנפערענץ.

פר. ה. טײטעלמאַן, דער נעשאָנאל באָארד און דירעקטאר פון פּענסילווייניא, ווערט ערוועהלט טשערמאַן און פר. דעניס, פון ברענטש 12 אלס סעקרעטער.

די קרעדענשאל קאָמיטע בעריכטעט אז עס זיינען פּערטרעטען 30 ברענטשעס דורך 39 דעלעגאטען. דאַן ווערען נאָך צוגעלאָזט 4 דעלעגאטען וואס מאכט צוזאמען 43 דעלעגאטען.

מען געהט איבער צו שטימען פאר די דעלעגאטען. די פאלגענדע 18 דעלעגאטען געהען ארויף אויפ'ן באלאָט: עטינגער בר, 520, 43; סווערדלאוו בר. 372, 40; דעניס בר. 12, 38; קאָהן בר. 373, 36; בערקאוו בר. 370, 33; פּאלין בר. 537, 31; נעכאוויטץ בר. 521, 30; ווארען בר. 469, 28; רודיצקע בר. 534, 24; לעווינסאָן בר. 283, 18; קאפּלאַן בר. 153, 17; האָפמאַן בר. 604, 11; ברהאן בר. 191, 6; דעמיק בר. 180, 5; הורשמאַן בר. 138, 42; ליכטמאן בר. 575, 39; טראכטמאן בר. 193, 37; גלאזער בר. 473, 34.

דער קאָנפערענץ איז אָבגעהאלטען געווארען אין הארמאָניע. עס זיינען פערשווינדען די אלע צוויסטיגקייטען וואס פלעגען אוועקנעהמען די מעהרסטע צייט פון די פריהערדיגע קאָנפערענצען.

ס. דעניס, סעקרעטער.

## קליוולאנד און אומגעגענד.

די טעריטאָריעלע קאָנפערענץ פון קליוולאנד און אומגעגענד איז אָבגעהאלטען געווארען אין אירי, פּא., זונטאג, דעם 3טען מארטש, אין די סאָציאליסטישע העדקוואדערס, מיט פריינד שעפּטעל, פון בר. 79 אלס טשערמאַן. פר. קויפמאַן פון בר. 79 ווערט ערוועהלט אלס סעקרעטער. קרעדענשעל קאָמיטע ווערט ערוועהלט ווי פאלגט: פר. גאַסס און פר. גאָלדערג פון בר. 300 און פר. ל. מ. דזשאַספּער פון בר. 463.

בעגריסונגען: סענטראל בר. ס. פּ. אירי רעגריסט דעס קאָנפערענץ דורך גענאָסע העמאַן; אידישער בר. ס. פּ., דורך גענאָסע העמבארד.

די קרעדענשאל קאָמיטע בעריכטעט אז עס זייטען פערטראטען 8 ברענטשעס דורך 10 דעלעגאטען און איניגע ברענטשעס פעהלען.

עס קומען פאר נאָמינאַציאָנען פאר דעלעגאטען צו דער 18-יעהרליכען קאָנווענשאָן און די פאָלגענדע געהען ארויף אויף דעם באַלאָט: סעם קויפמאן בר. 79, ל. מ. דזשאספּער בר. 463, ל. בעלענקאָוו בר. 414, ל. לעווין בר. 430.

סעם קויפמאַן, סעקרעטער.

## מילוואָקי, וויס.

די טעריטעריעלע קאָנפערענץ איז אָבגעהאלטען געווארען דעם 3-טען מארטש. א. שעסטאָצקי סעקרעטער פון דיסט. אָרג. קאָמיטע, ערעפענט די קאָנפערענץ. עס זיינען אנוועזענד געווען די פאלגענדע דעלעגאטען: סעם פּלאוניק בר. 452, בערגער, בר. 479, רודניק בר. 269, זייטציעוו בר. 166, ראזמאַן בר. 166, קאראס בר. 484, ליפּסמאן, בר. 549, א. שאסטאצקי און האָפמאַן בר. 425, קולינסקי, בר. 454.

אלס טשערמאן ערוועהלט פר. בערגער און אלס סעקרעטער פר. שעסטאליך.

די פריינדע בערגער און קאראס זיינען נאָמינירט אלס קאַנדידאַטען אויפ'ן רעפערענדום באלאט פאר דער נעקסטער קאָנווענשאָן.

א. שעסטאָצקי, סעקרעטער.

## ניו הייווען, קאָנ.

די קאָנפערענץ צו נאָמינירען דעלעגאטען צו דער 18-טער קאָנווענשאָן, איז אָבגעהאַלטען געוואָרען זאָנטאג, דעם 3טען מאַרטש, 1918, אין ליבאָר לייסעאום, 38 האַי סטריט, ניו הייווען. קאָנ.

פריינד בירנבלום, סעקרעטער פון דער דיסטריקט קאָמיטע, רופט די דעלעגאַטען צו אָרדער, און נעהמט פאָר די נאָמיניישאָנס פאַר טשערמאַן. אַלס טשערמאַן ווערט ערוועהלט פר. י. קאָהן פון בר. 17, וועלכער ערקלערט דעס קאָנפערענץ פאַר געזעצליך ערעפענט.

עס ווערט בעשלאָסען, דאָס מען זאָל גלייך איבערגעהן צום וואוט, וועלכער זאָל זיין אַ „סיקרעט באַלאָט”.

לויט די אָבגעגעבענע שטימען זיינען נאָמינירט געוואָרען: פר. דזש. וואַראַביאָוו פון בר. 232 — 8 שטימען; פר. ס. ווייסמאַן פון בר. 434 — 7 שטימען; פר. ס. זאַלקינד פון בר. 589 — 7 שטימען; פר. אַלטער פון בר. 357 ניו לאָנדאָן — 6 שטימען. די ברענטשעס פון דיעזע טעריטאָריע וועלען דאַרפען וואוטען פיר 2 פון די אויסגערעכענטע 4 דעלעגאַטען צום קאָנווענשאָן.

עס ווערט פאָרגעשלאָגען פון פר. רעזניקאָוו, דאָס דיעזער קאָנפערענץ זאָל אָננעהמען אַ רעזאָלוציאָן דאָס די פראַגע וועגען פּאַלעסטינא זאָל פאָרגעבראַכט ווערען פאַר דער קאָנווענשאָן פאַר אַ דיסקוסיאָן.

נאָך א לאַנגע דעבאטע געהט מען איבער צום שטימען און דער פארשלאג פאלט דורך.

ס. גאָלדבערג, סעק. פון קאָנפערענץ.

## האַדסאָן און בוירגען קאונטי.

די קאָנפערענץ ווערט ערעפענט דעם 3טען מאַרטש פון די פערטרעטער פון דער האָדסאָן און בוירגען קאונטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע. פר. שטיינבוים פון בר. 59 ווערט ערוועהלט אַלס טשערמאַן און פריינד ס. גאָלדבערג פון בר. 7 אַלס סעקרעטער. עס ווערען פאָרגעלעזען די קרעדענשאלס און פאָלגענדע דעלעגאטען האָבען געקראגען די גרעסטע צאָהל שטימען אַרויפצוגעהן אויפ'ן באַלאָט אַלס דעלעגאַטען: מאַקס שטיינבוים, בר. 59, סעם באָסקין בר. 198, ס. ראַיל בר. 486 און בערקאָוויטץ בר. 504.

ס. גאָלדבערג, סעקרעטער.

## ווילקעס-באררי, פּאַ.

אָבגעהאלטען געווארען זונטאג, דעם 3-טען מאַרטש. פאלגענדע זיינען געווען פערטראָטען: פר. פּאָרמאַן בר. 112, סילווערמאַן בר. 113, ריוויק בר. 105, הורוויטש, בר. 141, ד. פּאָרמעט בר. 380, סעלל בר. 474.

פר. פּאָרמאַן פון בר. 112 רעפּאָרטעט, אַז זיין ברענטש איז פּראָגרעסיוו געגנוג און מאַכט גוטע פאָרשריטע, זיי האָבען ביי 125 מעמבערס און זיי פלעגען שטיצען יעדען צושריפט, אויך האָבען זיי גע-

מאַכט אַ טהעאַטער פאַרשטעלונג פאַר די מלחמה־קרבנות פאַר וועלכען ער דענקט, אַז זיי האָבען געמאַכט אַ גוטען סוקסעס, ביים ענדע רעפּאָרט האָט ער בעריכטעט אז יעצט האָבען זיי געשלאָסען די טרעזשורי.

פר. ריוזיק פון בר. 105 רעפּאָרטעט, אַז זייער בר. איז ניט רייך נאָר זיי טרייען שטיצען די צושריפטען ווי ווייט מעגליך, קיין גרויסען סוקסעס מיט אריינגעהמען מעמבערס האָבען זיי אויך ניט געמאַכט. זיי האָבען געשטראָכען פיער מעמבערס פיר וואוטען דעם קאַפּיטאַליס־טישען טיקעט.

פר. סעלל בר. 474 רעפּאָרטעט, אַז זייער ברענטש שטעהט אין אַ זעהר גלענצענדען צושטאַנד זיי האָבען זעהר גוטע בעזוכטע מיטינגען און זיי שטיצען יעדען צושריפט, אויך האָבען זיי אַרויסגעפּושט איניגע מעמבערס וואָס זיינען ניט געווען פּאַסענד פאַר'ן אַרבייטער רינג. זיי האָבען אַ לייבראַרי פון 400 ביז 450 ביכער און זי ווערט גאַנץ פיין בעזוכט.

ד. פּאַרמעט בר. 380 רעפּאָרטעט: ער האָט אַפּעלירט צו די דעלעגאַטען און צו די מעמבערס, אז מען וויל זיין גוטע מעמבערס פון אַרבייטער רינג מוז מען זיך כאָטש אָבגעבען מיט עדיוקיישאָן, זעהן צו אַראַנזשירען לעקטשורס און מען זאָל זעהן צו מאַכען אייגענע לייברעריעס. ער רעפּארטעט אז זייער לייברערי האָט די ווערטה פון 500 דאָלאַר. זייער ברענטש שטיצט יעדען צושריפט וואָס קומט זיי אָן.

פר. הורוויטש בר. 141 רעפּאָרטעט, אַז זיי האָבען אַריינגענומען ביי 25 מעמבערס דעם יאָהר און זיי טרייען זייער בעסט פאַר דעם אַלגעמיינעם ארבייטער רינג. זיי שטיצען ברענטשעס וויפיעל זיי קענען.

ס. ליבערמאַן בר. 113 רעפּאָרטעט, אַז זייער ברענטש בעשטעהט פון 80 מעמבערס, 1טע און 2טע קלאַסע אויסער 3טע קלאַס. זיי האָבען א רעזערוו פאָנד וואָס מען שטיצט מעמבערס ווען נויטיג, אויך שטיצט מען אַלע צושריפטען. לעצטען יאָהר האָבען זיי געשטיצט די מלחמה־קרבנות מיט 250 דאָלאר און דעם יאָהר האָבען זיי אויך געלאָפען א באָלל, פאר דעם זעלבען צוועק און אַלע געלדער וואָס זיי וועלען איינקאָלעקטען וועלען זיי אַריינשיקען אין דזשענעראַל אָפיס, אויך האָבען זיי אַן אייגענע סעמעטערי, און ווען אַן ארימאַן שטאַרבט נעהמט מען איהם צו אויף זייער סעמעטערי. מעהר ניט ווי זיי דאַרפען בעצאָהלען פאַר'ן שטיקעל ערד. אויך האָט ער רעפּאָרטעט, אַז זיי האַלטען זיך ביי פערא‏ייניגען מיט'ן צווייטען ברענטש, און ער דענקט אַז די פעראייניגונג וועט פיעל גוטעס טהאָן פאַר ביידע ברענטשעס.

פאָלגענדע זיינען נאָמינירט אַרויפצוגעהן אויפ'ן באַלאָט, פר. ס. ליבערמאָן פון בר. 113 און פּאַרמענט פון בר. 380.

ס. ליבערמאַן, סעקרעטער.

---

## סענטערוויל, סוליוואַן קאונטי, נ. י.

שבת, דעם 2טען מאַרטש איז אָבגעהאַלטען געוואָרען דער טעריטאָריעלער קאָנפערענץ. דער סעקרעטער פון בר. 281 דזשוריסט ערקלערט דאָס צוליעב בעקוועהמליכקייטען פון טריינס האָט ער גערופען דעם קאָנפערענץ פאַר שבת אָנשטאָט זונטאג. פריינד ווייספעלד פון בר. 281 ווערט ערוועהלט טשערמאַן. און פריינד ה. גאָלדשטיין פון בר. 302 ווערט ערוועהלט סעקרעטער.

פאָלגענדע זיינען נאָמינירט געוואָרען אַלס דעלעגאַטען צו דער קאָנוועַנשאָן: פר. קעסטען בר. 487 און פר. ווייספעלד בר. 281.

ה. גאָלדבערג, סעקרעטער.

# רעקאָמענדאַציאָנען צו דער קאָנווענשאָן

### רעקאָמענדיישאָנס אָנגענומען ביי דער ראָטשעסטער טעריטאָריעל קאָנפערענץ.

1) דער ארבייטער רינג זאָל איינפיהרען העכערע אינשורענס.

2) עס זאלען אריינגענומען ווערען מעמבערס איבער 40 יאהר.

3) אזוי ווי דער ארב. רינג ווערט יעצט געזעצליך אין אלע שטעדט, זאל מען זעהן צו פעראייניגען דעם ארב. רינג, דעם לייבאר ליעג און דעם אינדעפּענדענט ארב. רינג אין איין גרויסען ארבייטער רינג.

4) אונטערשטיצען די ראדיקאלע שולען וואס זיינען אין גייסט פון ארב. רינג.

5) צו זעהן פערבינדען דעם „פריינד" מיט דער „צוקונפט". אזוי ווי דער „פריינד" אין זיין איצטיגען אויסזעהן, איז ניט צופריעדענשטעלענד, וואלט דאָס צוזאמענבינדען איהם מיט דער „צוקונפט" געקענט די לאַגע פיעל בעסערען.

---

### פון דער האַדסאָן און בוירגען קאונטי קאָנפערענץ.

1. עס זאָלען אַריינגענומען ווערען מעמבערס אין די עלטער פון 40 ביז 45 יאהר נאָר אין קלאַס 4.

2. עס זאָל בעוויליגט ווערען פאַר עדיוקיישאָנאַל אַרבייט $8,000.

3. די איינטריטס געלד זאָל פערבלייבען, און אויב עס איז מעגליך, אויף אַ געזעצליכען וועג, זאָל אַ טייל פון די געלד געהן פאַר מעמבערס, וואָס בעלאַנגען איבער 20 יאהר און קענען זייערע בילס ניט צאָהלען.

4. אַן אַסעסמענט פון 2 סענט אַ קוואַרטאַל פאַר אינוואַלידע מעמבערס.

5. עס זאָל געגעבען ווערען אַ פּריווילעדזש ביז 1919, די יעניגע וואָס האָבען אמאָל בעלאנגט צום ארבייטער רינג און ווילען צוריק אַריין, צו צאָהלען לויט די יאָהרען ווען זיי זיינען צום ערשטען מאָל אַריינגעטראָטען.

6. די ברענטשעס זאלען קריגען קרעדיט פאַר געשטראָכענע מעמבערס פאַר'ן טויטען פאָנד אויך.

---

### פון דער טעריטאָריעלען קאָנפערענץ פון מילוואָקי.

1. רייזען די סומע געלד וואס ווערט געגעבען צו קאָנכאָמפּטיוו מעמבערס פון 100 אויף 300 דאָלאַר.

2. רייזען די סומע וואָס ווערט געגעבען צו עקזעקוטיוו מעמבערס פאר פערלאָרענע צייט אום זיי זאָלען קענען בעסער אטענדען צו דער אַרבייט.

3. דער „פריינד" זאָל געמאַכט ווערען ליטעראַרישער און אָנציהענדער און אום צו דעקען די עקסטראַ אויסגאַבען, צו נעהמען אַדווערטייזמענטס.

---

### פון דער סענטערוויל טעריטאָריעלען קאָנעפערענץ.

1. אַריינצונעהמען מעמבערס איבער 40 יאָהר.

2. אויסצוצאָהלען צו די ברענטשעס געוויסע סומען פאַר אַרויסגעפאַלענע מעמבערס.

---

### פון דער ווילקעס־באררי טעריטאָריעלען קאָנפערענץ.

1. דער אַרבייטער רינג זאָל גרינדען אַן אייגענעם בית־יתומים.

2. עס זאָל געגרינדעט ווערען אַ פאָנד אויסצוהעלפען די אַלטע מעמבערס, וואָס קענען ניט נאָכקומען די גרעסערע בילס, וואָס וועלען זיין, אַ דאַנק די פּראָטוירנאַל רייטס.

# אָן אָפֿענער בריעף צו דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו א. ר.

פריינדע:

ניט לאַנג צוריק האָט איהר אונז שריפטליך אויפגעפאָדערט צו רופען אַ ספעציעלען מיטינג, ווייל איהר ווילט שיקען אַ ספעציעלען פערטרעטער פון דער עקזעקוטיווע מיט אונז זיך דורכרעדען וועגען וויכטיגע אָרדען פּראָבלעמען און אָרגאַניזאַציאָנס פראַגען.

מיר האָבען מיט גרויס פערגעניגען ערפילט אייער פערלאַנג און אויך געלאָזט ויסען וועגען דעם. אונזערע מיטגליעדער האָבען זיך צו דיעזען ספעציעלען מיטינג צוגעגרייט ווי צו א יום טוב. אונז איז אַלעמען געווען זעהר אינטערעסאַנט צו טרעפען זיך אויג־און־אויג מיט א פערטרעטער פון דער עקזעקוטיווע און הערען וואָס ער וועט ענטפערען אויף אַלע אָנגעוועהטאָגטע פראַגען פון אָרדען, וועלכע מיר זיינען אַזוי גערן צו קריעגען אַן ענטפער.

און אַז קיינער פון אייך האָט זיך אַפילו ניט געוויזען צו אונזער מיטינג, ווייסט איהר דאָך אַזוי גוט ווי מיר אַליין.

אונזערע מיטגליעדער האָבען זיך שטאַרק ניט מצער געווען וואָס איהר זייט ניט געקומען. זיי גלויבען, נאָך אַלעמען, אַז אַ סך הורה האָבען זיי ניט פערלאָרען. עס האָט נאָר פערדראָסען, פאַר וואָס אַן עקזעקוטיווע פון אַזאַ קערפערשאַפט ווי אונזערע, האַנדעלט אַזוי אונפעראַנטוואָרטליך, רופט מענשען צו אַ פערזאַמלונג און געפינט אַפילו ניט פאַר נויטיג צו לאָזען וויסען אַז זיי קענען ניט קומען.

דורך דער צייט פון אָווענד האָבען אונזערע מיטגליעדער אַליין אויפגענומען צו פערהאַנדלען די אָרגאַניזאַציאָנס פראַגען פון אונזער אָרדען און אייער פערוואַלטונג. און נאָכדעם ווי מיר האָבען אויספיהרליך בעשפּראָכען די פערוואַלטונג פון אונזער אָרדען זיינען מיר געקומען צו איין איינשטימיגען בעשלוס צו פערעפענטליכען דיעזען בריעף און זאָגען גאַנץ אָפענהערציג, וואָס מיר דענקען פון אייער „טרייער ענערגישער אַרבייט", אין אָרדען, זייט די לעצטע צוויי יאָהר פון אייער אַדמיניסטראַציאָן.

מיר גלויבען אַז אייער אַדמיניסטראַציאָן איז, מילד גערעדט, אַ מיאוס'ער דורכפאַל.

ווען איהר זענט אַריין אין מאַכט האָט איהר פערשפּראָכען אַז איהר וועט ווידמענען אַלע אייערע קרעפטען צו מאַכען דעם אָרדען גרעסער, מעכטיגער, און גייסטרייכער.

וואָס זעהן מיר איז דער רעזולטאַט?

די עדיוקיישאָנאַל אַרבייט, זייט די לעצטע צוויי יאָהר איז אַ פאַרס. דער „פריינד" איז געבליבען אַ קאַזיאָנער בלעטעל. וואָס אַויסער די רעקאָרדס פון דער עקזעקוטיווע זיצונגען האָט ער אין זיך קיין זאַך ניט פון אמת'ן ווערטה. די אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבייט ווערט אָנגעפיהרט מיט גרויס געפילדער און ליאַרם. וויפיעל נייע ברענטשעס האָט איהר אין דעם היינטיגען יאָהר אינסטאָלירט? די מיטגליעדער וואָס מען האָט לעצטען יאָהר אַריינגעטראָגען אין גרויסע מאַסען, האָלסייל, צולויפען זיך אין די צעהנדליגער, ווייל זיי זיינען ניט אונזער עלעמענט מענשען, און זיינען ניט אַריין בעוואוסטזיניג וואָס דער אַרבייטער רינג שטעלט מיט זיך פאַר. מען האָט זיי אַריינגעבראַכט מיט הורא מיטאָדען, כדי צו קענען קומען צו דער זיבעצעהנטער קאָנווענשאָן מיט אַ „רעקאָרד".

דער היי־יאָהריגער קאַמפּיין פאַר נייע מיטגליעדער ווערט גאָר געפיהרט מיט אַ ביליגער קרעמערשער מאַרק מעטהאָדע. די מעמבערס ווערען אינספּירירט צו שלעפען כל ישראל אידען ביי די פּאָלעס אין אָרדען אַריין. עס מאַכט ניט אויס, וועלכען עלעמענט, אַבי מען קריגט אַריין 5 „שטיק" קריגט מען אַ פאַנטעפען קאָמישאָן.

די ערנסטע אַקטיווע מעמבערס פון אָרדען שעהמען זיך פאַר אָט די „פענסי" אָרגאַניזאַציאָנס מעטאָדען.

די סטרייק מגפה ביי אונז ווערט יעדען טאָג ערגער און ערגער. וואס טהוט איהר עפּעס קאָנסטרוקטיוועס, וועלכע נייע אינסטיטוציאָנען בעשאַפט איהר כדי צו צו בינדען די נייע מיטגליעדער צום אָרדען און זיי זאָלען זיך ניט צולויפען?

אַז אין סאַניטאַריום אונזערען פיהרט זיך יעצט פיעל בעסער און אַנשטענדיגער ווי אין די יאָהרען 1913־1914, ווייסען דאָך אַלע, אַז דאָס איז צו פערדאַנקען דער סאַניטאַריום קאָמיטע פון 1915, וועלכע האָט אַריינגעבראַכט אַ נייעם גייסט אין סאַניטאַריום פערוואַלטונג.

אַלע רעקאָמענדאַציאָנען וואָס איהר שיקט אַרויס צום שטימען נעהמען מיטגליעדער אָן ווי א הייליגקייט. כדי אייך ניט צו שטערען אין אייערע פּלענער, די תורה פון רייטס, איז שוין אויך אָנגענומען געוואָרען. קיין קיקערס און קיין פּראָטעסטאַנטען איז אויך, דאַנקען גאָט, ניט דאָ. אַלעס איז אַזוי שעהן, שטיל רוהיג, איהר האָט אין יעדער זאַך אַ פרייע האַנד, און די בעסטע מעגליכקייטען צו ערפילען אייערע פערשפּרעכען און עפּעס אויפצוטהאָן פאַר די מיטגליעדער וויכטיגעס.

וואָס־זשע שלאָפט איהר און מאַכט פון אונזער אָרדען אַ בית־עולם?

אין די מעהרסטע ברענטשעס הערשט אַ צושטאַנד וואו יעדער קומט נאָר בעצאָהלען זיין ביל ווי אין אַ דיוס איידזשענסי און ווייטער קימערט קיין זאַך ניט דעם מעמבער, ווייל פאַר קראַנקען בענעפיט, קרקע, זאָגען זיי, וועט דער סעקרעטער אַליין זאָרגען.

די לעצטע צוויי יאָהר קומען פאַר אַזעלכע פּאַסירונגען אין איבערלעבונגען אין דער אידישער אַרבייטער גאַס אין אַמעריקאַ. וואָס האָט איהר עפּעס געטהאָן צו פערלייכטערען די נויטען פון די מיטגליעדער? וועלכען נייעם געדאַנק אָדער טרייסט־וואָרט האָט איהר אונז דער גאַנצער צייט געבראַכט? וועלכע נייע קאָנסטיטוציאָנען אָדער רעפאָרמען האָט איהר בעשאַפען, אַז עס זאָל אייך שטעלען העכער ווי אַן אַדמיניסטראַציאָן פון בעל־הבית'טישען כל ישראל אָרדען? מיר גלויבען אַז איהר זייט ניט פעהיג, ניט ענערגיש, און פוילט אייך פּשוט צו טהאָן וויכטיגע אַרבייט. „אייך באַדערט עס ניט". אַבי איהר האָט פערטריעבען די געוועזענע עקזעקוטיווע וועלכע האָט ווירקליך געזוכט צו שאַפען נייעס און ווערטהפולעס און די „ביזנעס געהן גלאַט" זייט איהר פערטרונקען אין אייער זעלבסטצופריעדענהייט?

טאָמער בעגעגענט מען וואו ניט איז אין אַ ברענטש אייער אַ דיענער פון ניו יאָרק סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, איז ניט מען זעהט אַז ער טהוט אמת'ע אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבייט, חלילה, נאָר ער טרייבט קליינע פּאָליטיק און פושט זיך זעלבסט און זיינע פריינד, די עקזעקוטיווע, ד. ה. „גוד באָיס" ערוועהלט צו ווערען צו דער קאָנווענשאָן אָדער צו אַן עקזעקוטיוו אָפיס.

אונז טהוט וועה דער יעצטיגער צושטאַנד פון אָרדען. מיר זיינען זיכער, אַז צעהנדליגען ברענטשעס פון אונזער אָרדען בעדויערען טיעף אייער יעצטיגער פערוואַלטונג, נאָר מען האָפט אַלץ אפשר וועט איהר פאָרט עפּעס זיך נעהמען צו פערבעסערען.

מיר זיינען אָבער זיכער, אַז אין יעצטיגע „הינער פלעט" וועלען די ברענטשעס לאַנג ניט בלייבען אויב איהר וועט אין דריטען יאָהר פון אייער אַדמיניסטריישאָן ניט ברענגען עפּעס ווערטפולעס אין אָרדען און נעהמען אַליין טהאָן עפּעס וויכטיגע אַרבייט, וועלען די מעמבערס זיכער אייך בעטען בלייבען אין דער היים. און וועלען רופען צו דער אַדמיניסטראַציאָנס פיהרערשאַפט נייע מענשען, ענערגישע, מיט העכערע אידעאַלען און אמת'ע טרייהייט צום אָרדען, מענשען וואָס זאָלען טהאָן אַרבייט, ניט שפּיעלען זיך אין עמטער, און זוכען אונפערדיענטען כבוד אויפ'ן חשבון פון אָרדען.

מיר האָפען, אַז איהר וועט לערנען דעם לעסאָן אַז אייביג קענט איהר אונזער מעמבערשיפּ ניט נאַרען.

פאַר אַ שטאַרקען און גייסטרייכערען אַרבייטער רינג,
פערבלייבען מיר,
ברענטש 80, אַרבייטער ריינג,
ד. שקאָלניק, טשערמאַן.
מאָריס האָקין, סעק.

## אָנמערקונג פון דער נאַציאָנאַל עקזעקוטיווע.

דער אויבענגעדרוקטער בריעף איז גאַנץ ווייט פון אַ גע־

נאָסענשאַפטליכער און פריינדליכער פּאָלעמיקע און אונטער אַנדערע אומשטענדען וואָלט אזא בריעף קיינמאָל ניט געפונען פּלאַץ אין אונזער „פריינד". נאָר מיר ווילען ניט געבען די געלעגנהייט אונזערע פריינדע פון בר. 80 צו שרייען אַז מען אונטערדריקט ביי אונז פרייע פּרעסע א. ז. וו. און זאָלען טאַקע אונזערע מעמבערס אויך הנאה האָבען פון די ליטעראַרישע פּערלען און די שעהנע בלומען שפּראַך, וועלבע די רעזאָלוציאָן־שרייבער פון בר. 80 בעזיצען.

מיר ווילען זיך ניט אַריינלאָזען אין אַ פּאָלעמיקע מיט דיעזע פריינדע. ערשטענס האָבען מיר גאָר קיין צייט ניט דאַפיר. מיר האָבען אַ סך וויכטיגערעס צו אַטענדען. מיר האַלטען זיך ביי דעם כּלל, אַז טהאָן קאָנסטרוקטיווע אַרבייט איז פיעל וויכטיגער, ווי אָנפיהרען אַ פּערזענליכען קאַמפף און ענטפערען אויף אומגעלומפּערטע אַטאַקעס, וועלכע האָבען ניט קיין אַנדערען צוועק, ווי נאָר אַריינצוברענגען נייע מחלוקות אין אונזער אָרגאַניזאַציאָן.

די גרויסע מעמבערשיפּ פון אַרבייטער רינג איז אינטעליגענט גענוג אַליין צו האָבען אַ מיינונג און אָבשאַצען אונזער אַרבייט פאַר די לעצטע צוויי יאָהר. און זיי וועלען זיך ניט לאָזען הינרייסען פון וועלכער ניט איז „שעהנע" פראַזען און וועלען בעסער העלפען דער עקזעקוטיווע אין איהר אָנשטרענגונג אָנצוהאַלטען האַרמאָניע און פריעדען אין אונזערע רייהען.

צום שלום ווילען מיר נור אין איינינע ווערטער ערקלערען, וואס עס האָט פּאַסירט.

די ניו יאָרק סיטי קאָמיטע האָט לעצטענס בעשלאָסען צו רופען ספּעציעלע מיטינגען פון ברענטשעס צו ריידען וועגען דעם קאַמפּיין פאַר נייע מעמבערס. צווישען זיי איז אויך געווען ברענטש 80. דער פערטרעטער פון דער ס. ק. וועלכער האָט געדאַרף זיין ביי זייער מיטינג, איז אונגליקליכער ווייזע אין דעם טאָג קראַנק געוואָרען און האָט אויך ניט געלאָזט וויסען אין אָפּיס וועגען דעם. און דארום איז קיינער צו זייער מיטינג ניט נעקומען אָט דאָס איז דער גאַנצער פערברעכען, וועלבען מיר האָבען בעגאַנגען, כאַראַקטעריסטיש איז, וואָס בעפאָר דער פערטרעטער איז געקומען, האָבען זיי זיך געגרייט צו אַ יום טוב און ערוואַרטעט פיעלע תורה פון איהם צו לערנען, אַזוי זאָגען די שרייבער פון לעטער, ווען אָבער ער איז ניט געקומען האָבען זיי זיך ערשט דאַן מיישב געווען, אַז זיי האָבען גאָר ניט פערלאָרען און זיי האָבען זיך שוין ניט פיעל מצער געווען דערפון.

# נייעס פון די ברענטשעס

## פּראָטאָקאָל פון עקראָן צוזאַמענפאָהר.

דער פערטעל יעהרליכער דיסטריקט צוזאַמענפאָהר און דזשענעראַל מיטינג פון די קליוולאַנד סיטי און דיסטריקט אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע פון אַרבייטער רינג, איז אָבגעהאַלטען געוואָרען זונטאַג נ.מ. אין עקראָן אָהיא.

פריינד הענקין ווערט ערוועהלט אַלס טשערמאַן.

דיסטריקט סעקרעטער, פר. דזשאַספיר לעזט פאר זיין רעפּאָרט, וועלכע גיט אַן איבערבליק איבער דער אַרבייט וואָס איז געטהאָן געוואָרען פון דער דיסטריקט עקזעקוטיווע פון קענטאָנער צוזאַמענפאָהר ביז יעצט, וועלכעס עס איז די צייט וואָס ער איז סעקרעטער.

דער דעלעגאַט פון אירי בעריכטעט, דאָס זייערע 2 ברענטשעס האָבען זיך פעראייניגט אונטער דעם נאָמען „שלום עליכם" ברענטש 390. זיי האָבען יעצט אַ מעמבערשיפּ פון 80, זיי האָבען אָרגאַנזירט אַ מאַסקען באַל פאַר דעם סאַניטאַריום טאָג פאַר די מלחמה־ליידענדע, אויף דעם 12טען פעברואַר, און האָבען אויך געטעקסט יעדען מיטגליעד מיט אַ דאָלאַר פאַר דיעזען צוועק.

די עקראָנער דעלעגאַטען בעריכטען דאָס זייער מעמבערשיפּ יעצט איז גענויע 80 און זיי טרייען וואָס ווייניגער צו שטרייכען, זיי האָבען געריזט אַ גרעסערען פאָנד און דענקען, אין גיכען, צו קויפען סעמעטערי. זיי אָרגאַנזירען אַ טעג־דעי פאר די מלחמה־קרבנות אין סאַניטאַריום טאָג פאָנד.

דער דעלעגאַט פון אירי פר. וואַחלהענדלער, רעקאָמענדירט, דאָס אַ פערטרעטער פון דיסטריקט קאָמיטע, זאָל בעזוכען אַלע ברענטשעס פון דיסטריקט אַם ווייניגסטען איין מאָל אין דריי מאָנאַטען. די רעקאָמענדיישאָן ווערט איינשטימיג אָנגענומען.

עס ווערט איינשטימיג בעשלאָסען, דאָס דער נעקסטער דיסטריקט צוזאַמענפאָהר, זאָל זיין אין אירי, פּאַ. און זאָל שטאַטפינדען דעם ערשטען זונטאַג אין אייפּריל.

עס איבערגעגעבען צו דער דיסטריקט עקזעקוטיווע צו אַראַנזשירען, אויב מעגליך, דיעזען צוזאַמענפאָהר מיט דעם פאָרשטעהענדען טעריטאָריען קאָנפערענץ צו דער זעלבער צייט.

עס ווערט אויך איבערגעגעבען צום דיסטריקט עקזעקוטיווע צו ערוועהלען אַ סעקרעטערי.

דיסט. סעקרעטער, פר. דזשאַספיר בעריכטעט, דאָס זייענדיג אין ניו יאָרק ביי די זיצונגען פון די נײשאָנאַל באָארד און דירעקטאָרען, האָט איהם דער דזשענעראַל סעקרעטער. פריינד י. באַסקין, איבערגעגעבען אַ לעטער מיט טשאַרדזשעס און קאָמפּליינס פון סעקרעטער פון אידישען ברענטש ס. פּ. אין עקראָן געגען אָרטיגען ברענטש 587 א. ר. דער לעטער איז פול אָנגעפּיקעוועט מיט בעשולדיגונגען געגען די סעקרעטערע פון דיעזען ברענטש און דער עקזעקוטיוו, ווי אויך געגען ברענטש אין אַלגעמיין. ער מעלדעט אויך דאָס ער האָט געלאַדען דעם סעקרעטער צו דיעזער זיצונג. די פראַגע פערנעהמט גענויע צוויי שטונדען צו פערהאַנדלען, בר. הענקין האָט זיך זאָגאַר צוריקגעצויגען פון טשער ביי דיעזער זעהר וואַרימע פערהאַנדלונגען און פריינד קויפמאַן ווערט ערוועהלט אַלס טשערמאַן.

דער בעשולדיגער גענ. קליין, פאַרמירט זיין צד אויספיהרליך, ער בעגרינדעט דאָס אָהן אורזאַכען האָט מען פאַר פילע מאָנאַטען זיך ענטזאָגט צו נעהמען איהם צום מעדיקאַל עקזאַמינער און ווען ער האָט געפּעסט די עקזאַמענעישאָן אָהנע די פיהרערשאַפט פון די סעקרעטערע אָדער קאָמיטע זאָגדערן ביי די אַנוועזענהייט פון אַ מיטגליעד פון בר. האָט מען איהם דאַן רעדזשעקטעט. ער בעשולדיגט דאָס דער ברענטש האָט קאַטאַגאַריש צוריקגעוויעזען די קאָאָפּעריישאָן אין אַלע אונטערנעהמונגען וועלכע דער ס. פּ. ברענטש האָט אונטערנומען. פיעלע אַנוועזענדע געסט, מיטליעדער פון דער ס. פּ., וועלכע זיינען צו דער זעלבער צייט אויך מיטגליעדער פון אַרבייטער רינג, שטימען איין צו די בעשולדיגונגען, וועלכע זיינען מייסטענס געפּוינטעט געגען סעקרעטער פון בר. פר. האָכמאַן.

פר. האָכמאַן און אַ פערטרעטער פון עקזעקוטיוו פון זייער ברענטש בעשטרייטען דאָס, ערשטענס האָבען זיי דעם אַפּליקאַנט אָפיציעל ניט צוריקגעוויעזען, זיי דריקען זיך אויס, דאָס דער בעטרעפענדער איז אַ „קריינק" און איז אין אַלגעמיין, „אַנטיפּאַטיש". זיי האָבען ניט געאַרבייט קאָאָפּערייטי‥ אין זייערע אונטערנעהמונגען, ווייל זיי האָבען אימער דורכפעלע און נאָך אַזעלכע זויבערע פּאַקטען. עס איז געוואָרען שפּעט און די דעלעגאַטען זיינען געוואָרען אונגעדולדיג און מען איז פאַנאַנדערגעגאַנגען מיט דער פערשטענדניס דאָס דער אַרבייטער רינג ברענטש 587 וועט ביי נעקסטען מיטינג דיעזע פראַגע אויפנעהמען און וועט איהר שליכטען אין אַנקלאַנג מיט די פּרינציפּען פון א. ר.

לואיס דזשאַספיר, סעקרעטער.

---

## רעפּאָרט פון ניו דזשורזי סטייט קאָנפערענץ.

זונטאג, דעם 20טען יאַנואַר, 1918, אין אַרבייטער רינג אינסטיטוט, נוואַרק, נ. דזש., ערעפענט פריינד אַלבערט, דער סעקרעטער פון דיסטריקט קאָמיטע, דעם 4טען יעהרליכען קאָנפערענץ פון דער דיסטריקט קאָמיטע אין ניו דזשורזי סטייט.

די קרעדענשעל קאמיטע רעפארטעט דאס עס זיינען פערטראטען 26 ברענטשעס פון 9 שטעדט און 42 דעלעגאטען.

די פאלגענדע פונקטען איז דא אויפ'ן טאגעס־ארדנונג:

1) בעריכט פון דיסטריקט קימיטע. 2) 10 טויזנעד נייע מעמבערס אין ארבייטער רינג. 3) 25 טויזנעד דאלאר פאר די מלחמה־קרבנות, און א בעריכט פון נייש אנאל באארד אוו דירעקטארען.

פריינד אלפערט דער סעקרעטער פון דיסטריקט קאמיטע גיט אב דעם בעריכט. מיר האבען בעזוכט אלע ברענטשעס אין אונזער דיסטריקט, מיר ארגאנישירען לעקטשורס צוזאמען מיט דער ס. פ. מיר האבען א סאנדיי סקוהל צוזאמען מיט דער ס. פ. מיד האבען געהאלפען גרינדען א ארבייטער־רינג דראמאטיק קלאב. און אין אלגעמיין, מיר האבען געטהאן אלעס וואס עס איז נאר מעגליך געווען צו פערבעסערען און פערשעהנערען דעם ארבייטער רינג.

פריינד א. עפשטיין, דער טשערמאן פון דשזענעראל עקזעקוטיווע מאכט דאן א ווארימען אפיעל פאר נייע מעמבערס, ווי אויך פאר די מלחמה־קרבנות. פריינד עפשטיי ן'ס רעדע ווערט זעהר ווארים אויפגענומען ביי די דעלעגאטען און ער ווערט שטארק אפלאדירט.

פר. ב. סלאווין, אונזער נייש אנאל באארד אפ דירעקטאר, גיט דאן אב א בעריכט, און ער זאגט, דאס היינטיגען יאהר האבען מיר ניט די זעלבע רעכטע ווי די לעצטע נייש אנאל באארד אף דירעקטארס, דאך זעהענדיג די ארבייט פון דער דזשענעראל עקזעקוטיוו, גלויבט ער אז דער ארבייטער רינג טהוט זיין ארבייט אויף אלע געביטען. נאך דעם ווי ער בעריכטעט וועגען פערשיעדענע ארבייטען פון די בעזונדערע קאמיטעס פון אפיסעס ווערט ער בעדאנקט פאר זיין ארבייט. און מיט דער פולער האפנונג פאר 10 טויזענד נייע מעמבערס ביז צו דעם קאנווענשאן און 25 טויזענד דאלאר פאר די מלחמה־קרבנות, ווערט דער קאנפערענץ געשלאסען.

מ. פאלאק, סעקרעטער.

---

## רהאוד איילענד סיטי און דיסט. קאמיטע.

א דזשאינט מיטינג איינבעדופען פון דער סיטי און דיסטריקט קאמיטע פון ר. א. פון אלע ברענטשעס פון סטייט, איז אבגעהאלטען געווארען זונטאג, דעם 3טען דעצעמבער, אום 3 אוהר נאכמיטאג, אין 123 נארטה מיין סטריט, פראווידענס. פר. ארבאר, פון דער דיסטריקט קאמיטע, עפענט דעם מיטינג און מאכט נאמינייש אנס פאר טשערמאן און פר. פ. מארקוס פון בר. 14 ווערט ערוועהלט אלס טשערמאן. דער טשערמאן ערקלעהרט דעם מיטינג אפיציעל געעפענט און מאכט נאמינייש אנס פאר סעקרעטער און פר. דזש. פאוולאוו פון בר. 110, ווערט ערוועהלט אלס סעקרעטער.

פאלגענדע טאגעס ארדנונג ווערט אנגענומען: 1) רעפארט פון דער סיטי און דיסטריקט קאמיטע; 2) אינטערפעלאציאנען; 3) קאמפיין פאר נייע מעמבערס: 4) דער סאניטאריום טאג.

פר. ארבער בעריכטעט דער סיטי און דיסטריקט קאמיטע פון איהר טהעטיגקייט פאר די לעצטע 4 מאנאטען. זייט די נייע סיטי קאמיטע איז ערוועהלט געווארען. ער בעריכטעט וועגען א נייעם ברענטש וואס וואס זיי האלטען אין גרינדען אין ניופארט, ר. א.; וועגען א ליעפלעט וואס זיי האבען ארויסגעלאזט צו דער בעפעלקערונג, וועגען אנשליסען זיך אין א. ד. זיי האבען בעשלאסען צו מאכען א פרעזענט וואס זאל בעטרעפען ביז 10 דאלאר צו דעם ברענטש וואס וועט ארייננעהמען די מעהרסטע צאהל מעמבערס. זיי פאסען אויף אויף די עקזיסטירענדע ברענטשעס. וועגען געזעלשאפטליכער ארבייט ווערט בעריכטעט אז זיי נעהמען א שטארקען אנטהייל אין דער רעליעף ארבייט פאר די מלחמה קרבנות און אויך פאר דער דעפענס ליעג פון ר. א. וועגען עדיוקיישאן איז זיי ליידער נישט געלונגען עפעס בעשטימטעס דורכצופיהרען ביז יעצט. זיי האבען אבער עפעס צו טהאן אויף דיעזען געביעט אין גיכען.

נען געהט איבער צו אינטערפעלאציאנען. איינינע מעמבערס שטעלען פערשיעדענע פראגען. איינינע קריטיקירען די קאמיטע פאר פערנאכלעסיגען פיעל ־רבייט. עס ווערט אבער אויסגעדריקט דער געדאנק, אז עס איז צו האפען אז די קאמיטע וועט אין דער צוקונפט פערבעסערען איהר ארבייט. פר. ארבאר ענטפערט אויף די פראגען און קריטיקען און דער בעריכט ווערט אנגענומען.

עס ווערט טערהאנדעלט ווי אנצופיהרען דעם קאמפיין פאר נייע מעמבערס. עס ווערען אויסגעשפראכען פיעלע מיינונגען וועגען דער פראגע, ווי ארויסצולאזען אן אפיעל צו די מעמבערס און ארגאנזשירען פיער גרויסע מאס־מיטינגען, נאר דער הויפט געדאנק וואס איז ארויסגעבראכט געווארען איז, אז די סיטי קאמיטע קאן בלויז דיקטירען דעם קאמפיין, נאר די מעמבערשיפ זיינען די יענע וואס קענען.מאכען דעם קאמפיין פאר אן ערפאלג, און עס ווערט בעשלאסען איבערצולאזען צו דער סיטי קאמיטע אז זיי זאלען אויסארבייטען דעם פלאן, ווי בעסער אנצופיהרען דעם קאמפיין. וועגען סאניטאריום־טאג רעקאמענדירט די סיטי קאמיטע א באל, נאך א לאנגע דעבאטע ווערט דאס צוריקגעוויזען און עס ווערט בעשלאסען, אז יעדער מעמבער זאל בייש טייערען אם ווענינסטען 50 סענט פאר'ן פאנד און אויך זאלען די סעקרעטערע ארגאנזשירען א גרויסען מאס־מיטינג, אויב מעגליך פיר דיעזען צוועק.

מיט דעם ווערט דער מיטינג געשלאסען, מיט דערהאפנונג, אז די מעמבערס וועלען זיך אברופען אויף ביידע בעשליסע, ערשטענס זיך ארייננווארפען אין קאמפיין פיר נייע מעמבערס און צווייטענס מאכען דיביישטייערונג צום פאנד פיר די מלחמה קרבנות.

דזש. פאוולאוו, סעקרעטעד.

---

## רעפארט פון דער האדסאן קאונטי ארג. קאמיטע, א, ר.

זונטאג, דעם 27טען יאנואר, 1918, האט די האדכאן קאונטי ארגאניזיישאן קאמיטע אבגעהאלטען דעם פערטעל יעהרליכען קאנפערענץ אין סטאר אוו איזראעל האלל, האבאקען, נ. דזש. פר. ב. באסקין, פון ברענטש 198 ווערט ערוועהלט טשערמאן פיר דעם קאנפערענץ און מ. שאכמאן פון ברענטש 504 — סעקרעטער פיר דעם קאנפערענץ, קרעדענשעל קאמיטע, מ. שטיינער 316, דזש. איזראעל בר. 198. די קרעדענשעל קאמיטע רעפארטעט, אז פאלגענדע ברענטשעס זיינען פערטראטען: בר. 7, 59, 198, 316, 486, 504, 577 און 595 דורך 16 דעלעגאטען און די האדסאן קאמיטע דורך 3, צוזאמען 19. בר. 10 איז אבוועזענד. די נאציאנאל א. ר. קאמיטע, איז פערטראטען דורך פר. וואלאוויץ .

דער פראטאקאל פון לעצטען קאנפערענץ ווערט געלעזען און גוט געהייסען. דער בעריכט פון דער האדכאן קאונטי קאמיטע ווערט אבגעגעבען פון פריינד ס. באסקין בר. 198. זיי האבען בעזוכט די ברענטשעס וועלכע זיי האבען געפונען פאר נויטיג, זיי האבען אויפגענומען דעם אפיעל פאר 25 טויזענד דאלאר פאר די מלחמה קרבנות און האבען בעזוכט די ברענטשעס און די רעזולטאטען וועלען זיין צופריעדענשטעלענד. אין איינינע ברענטשעס געפינט זיך שוין פון די געזאמעלטע געלדער פאר דיעזען צוועק. עס איז איין בעשלוס געפאסט געווארען, אז אלע געלדער זאלען געשיקט ווערען צו דער האדכאן קאונטי קאמיטע, וועלכע וועט דאס נאכהער ארייננשיקען אלס צוזאמען אין דזשענעראל אפיס.

פריינד וואלאוויץ מאכט אויך א ווארימען אפיעל פאר 10,000 נייע מעמערבס, און די דעלעגאטען פערשפרעכען, אז זיי וועלען טהאן דאס בעסט אין אלע ברענטשעס וועגען דעם. און עס ווערט בעדאנקט פר. וואלאוויץ פאר זיין אויפמערקזאמקייט.

האפענטליך, אז אונזער ארבייט וועט ברענגען גוטע רעזולטאטען פאר דעם ארבייטער רינג.

מיט פריינדליכען גרוס,
האדסאן קאונטי ארג. קאמיטע,
מ. שאכמאן, סעקרעטער.

---

## י. ל. פרץ בר. 37 א. ר.

שבת אבענד, דעם 29טען דעצעמבער, 1917, האט שטאטגעפונען אונזער 15 יעהרליכען מיטינג און צוגלייך איז עס אויך געווארען א יאהר זינט די פעראייניגונג מיט דעם געוועזענעם י. ל. פרץ בר. און דערפאר ווייל די בעריכטען פון אונזער יאהר טהעטיגקייט זיינען אזוי אינטערעסאנט־רייך. האט עס אונז בעוואויגען צום ערשטען מאל זינט אונזער עקזיסטענץ צו שרייבען א בעריכט אין „פריינד".

נאהענט פון דריי הונדערט דאלאר האט אונזער ברענטש ארויסגעגעבען דעם יאהר אויף אינטסיטיגע שטיצע.

נאך קיינמאל אין אונזער עקזיסטענץ האבען מיר געהאט אזוי פיעל קראנקע, דריי סאניטאריום קראנקע און א פאר צעהנדליגע לאקאלע קראנקע. די טהוער פון אונזער ברענטש זיינען אבער ניט אבגעשוואכט געווארען און האבען מיט אנגעשטרענגטע קרעפטען דורכגעפיהרט פערשיעדענע אונטערנעהמונגען: ווי א ראפעל, א פריוויליגען רעליעף־פאנד, געטיקעט עטליכע מאל די מעמבערס. און

היינט קענען מיר מיט שטאָלץ זאָגען, דאָס מיר האָבען אַלעמען, אָהן אויסנאַהמע, געבען אונזער אמת'ע ברידערליכע הילפע.

אונזער ברענטש האָט אַנטייל גענומען אין אַלע לעבעדיגע פראַגען פון אַרבייטער רינג. מיר זיינען אויך ניט אָבגעשטאַנען דעם לעצטען יאָהר אין דעם קאַמפּיין פאַר נייע מעמבערס, און האָבען אַריינגענומען 23 נייע מעמבערס. מיר ערוואַרטען דאָס אויך אין דעם יעצטיגען קאַמפּיין וועט אונזער ברענטש נעהמען אַ טיכטיגען אַנטייל.

מיר האָבען אַ לאָאַן פאַנד וואָס אַרבייט זעהר גוט. מיר געהן איינפיהרען לאָקאַלע סיק־בענעפיט פון דריי דאָלאַר אַ וואָך.

ביי דעם לעצטען רעגולען מיטינג איז אויך געגעבען געוואָרען לאַווינג קאָפּ צו דעם פינאַנס און רעקאָרדינג סעקרעטער די פריינדע א. טומאַן און ס. בלאָק, פאר זייערע איבערגעגעבענע אַרבייט פיר אונזער ברענטש און אַלע בעאַמטע זיינען פון אונזער בעליעבטען טשערמאַן פר. דעזניק, בעדאַנקט געוואָרען אין נאָמען פון ברענטש, פאַר זייער טהעטיגקייט.

ה. גאָלדשטיין,
דזש. קראַפט,
די פּרעס קאָמיטע.

## ראדיקאל ברענטש 483 סט. דזשאָזעף, מאָ.

זונטאג דעם דריטען מאַרטש האָבען מיר געפייערט דעם פינפטען יעהרליכען יובילעאום פון דעם גרינדונג פון אונזער ברענטש. עס איז געגעבען געוואָרען אַ טהעאַטער פאָרשטעלונג אין היגען לייסעאום טהעאַטער, אין וועלכען עס האָבען אַנטייל גענומען מעמבערס פון אונזער ברענטש, און אייניגע פון קענזאַס סיטי. מיר האָבען געמאַכט אַ ריינעם פּראָפיט פון 165 דאָלאַר, וועלכע איז אָבגעגעבען געוואָרען. פאַר די מלחמה־קרבנות אַלס אַ טייל פון די 25 טויזענד דאָלאַר, וועלכע דער אַרבייטער רינג האָט זיך אונטערגענומען צו שאַפען.

פאַר די פינף יאָהר וואָס אונזער ברענטש עקזיסטירט האָבען מיר דורכגעמאַכט פערשיעדענע צייטען, אָבער אימער האָט געהערשט דער אַריבייטער רינג גייסט אין אונזער ברענטש, די מעמבערשיפ פון אונזער ברענטש בעשטעהט בלויז פון יונגע לייט און זיי זיינען טאַקע פול מיט לעבען און ענערגיע. וואָס אונזער ברענטש אונטערנעהמט זיך צו טהאָן, ווערט אימער געקרוינט מיט אַן ערפאָלג, אַ דאַנק די איבערגעגעבענהייט פון אונזערע מעמבערס, און קוין אַפּיעל וואָס איז ווערטה געשטיצט צו ווערען, ווערט פון אונז ניט ענטזאַגט. מיר טהוען איבערהויפּט וויפיעל עס איז נאָר מעגליך, נעהמענדיג אין אנבעטראכט די אומשטענדען און דעם פּלאַץ וואו אונזער שטאָדט געפינט זיך.

ה. ווילק, פינ. סעקרעטער.

## סיאטל, וואשינגטאָן.

מיט א יאָהר צוויי צוריק האָבען מיר דורכ|ן „פריינד" בענאכריכטעט די ארב. רינג וועלט די פייערונג פון דער ערעפענונג פון אונזער אייגענער היים און די גרויסע האָפנונגען וועלכע מיר האָבען געלעגט אויף דעם פאקט. און יעצט, נאָך צוויי יאָהר עקספּערימענטירען אין דער ראָלע פון אייגענטהימער פון אן אייגענער היים קענען מיר מיט פּרייד און שטאָלץ בעהויפּטען, אז די רעזולטאַטען האָבען ווייט איבערטראָפען די ערוואַרטונגען אפילו פון אונזערע גרעסטע אָפּטימיסטען, און דאָס וואָס זיי האָבען זיך אין אָנפאַנג נעבעלהאַפט פארגעשטעלט אלס מעגליכקייטען, האָבען יעצט אָנגענומען קאָנקרעטע פאָרמען, געפינענדיג זייער אויסדרוק אין געשאַפענע אינסטיטוציעס, וועגען וועלכע איך וועל אָנמערקען אביסעל ווייטער.

אָבער די ראָלע פון „לענדלאָרדס" גיט זיך ניט אזוי גרינג איין קבצנים, און א סך צייט און ענערגיע איז אוועקגעגעבען געוואָרען אויף צו שאַפען געלד אום צו דעקען די אָבצאָהלונגען אויף דעם הויז, מען האָט אויך געדארפט געלד אויף רעמאָנטירען און מאַכען זי פּאַסיג פאר געברויך. ווי איהר זעהט, איז דאָס אַליין געווען אן אונגעהויערע אויפגאַבע, און דאָך זיינען מיר ניט פערשלונגען געוואָרען פון דער ארבייט אַליין, מיר האָבען זיך אימער אבגערופען וואָרים אויף די נויטען פון דער צייט לויט זייער וויכטיגקייט, און אזעלכע זיינען געווען פיעלע אין פערלויף פון לעצטען יאָהר. הויפּטזעכליך האָט זיך אונזער ברענטש אויסגעצייכענט אין זאַמלען זעלד פאר די מלחמה קרבנות אין לעצטען מאָנאַט אויף דעם רוף פון דער עקז. קאָמיטע. מיר האָבען אראנזשירט א גרויסען מאסס מיטינג אויף וועלכען נאָהענט פון 300 דאָלאר איז געזאמעלט געוואָרען און אָבגעשיקט אין דזשענעראַל אָפּיס. אויך אויפ|ן געביט פון גייסטיגע טהעטיגקייט זיינען מיר ניט הינטערשטעליג. דורכ|ן ווינטער האָבען מיר געהאט אלע זונטאג פארטראגען און דיסקוסיאנען אויף פערשיעדענע טעמאס מיט לאָקאל קרעפטען, מייסטענס אונזערע אייגענע מיטגליעדער. מיר האָבען אויך געהאט אָ רייהע פון פערווייּלונגס אווענדען, וועלכע זיינען ערפאָלגרייך דורכגעפיהרט געוואָרען, א דאנק וועלכע אונזער ברענטש ווערט אן אנערקענטער פאקטאָר אינ|ם לעבען פון דער סיאַטעלער אידישער בעפעלקערונג.

און דאן קומען מיר צו אונזערע אויבען דערמאָנטע אינסטיטוציעס, וועלכע זיינען זעהר יונג, אבער וועלכע זיינע זעהר קרעפטיג, און וועמעס לעבענספעהיגקייט איז געזיכערט, נעמליך — עס איז געגרינדעט געווארען א ברענטש פון דער אידישער סאציאליסטישער פעדעראציע אין וועמעס גרינדונג עס זיינען פעראנטווארטליך מיטגליעדער פונ|ם א. ר., און וועלכער האָט בעוויזען אין זיין 4 מאָנאַטיגער עקזיסטענץ צו צעהלען ארום 70 מיטגליעדער. כן ירבו, און וועלכער איבט שוין אויס א היבשען איינפלוס אויף דער אידישער גאַס.

א צווייטע אינסטיטוציע איז א ראדיקאלע זונטאָגס שולע. אונטער דער איניציאטיווע פון אונזער ברענטש און מיט דער מיטווירקונג פון אלע סאָציאליסטישע אָרגאניזאציאנען, ווי ענגלישע, סקאנדינאווער, פינישע, א. ז. וו., איז די שול ערעפענט געווארען אָנפאנג יאנואר, 1918, אין א. ר. האָל, און דער סוקסעס איז אן אונגעהויערער. עס איז ניט נויטיג אָפּצושטעלען זיך דאָ אויף דער פראגע פון דער נויטווענדיגקייט פון אזא שולע, אונזערע מעמבערס בעגרייפען און פיהלען עס. אָבער עס ווילט זיך אז יעדער איינער פון אונזערע מיטגליעדער זאָל בעזוכען די שולע און שעפען בעגייסטערונג ביין קוואַל, און צו לייגען א האַנד אום אונזער גרויסע ארבייט פארמצוזעצען. ווארים, פערגעסט ניט, די ארבייט איז א גרויסע און שווערע, אָבער א דאנקבאַרע, און זי פאדערט די אָנשטרענגונג פון יעדען איינעם פון אונז.

מיט דער פערברייטונג פון אונזער טהעטיגקייט שווימען ארויף נייע נויטען וועלכע פאדערען א באלדיגע לייזונג. שוין יעצט איז אונזער היים צו קליין פאר אונז. מיר מוזען עס פערגרעסערען, איינאָרדנען מעהר בעקוועמליכקייטען א. ז. וו.

ווי איהר זעהט, א מאכע ארבייט ליגט פאַר פאַר דער צוקונפט.

י. גוסטאנאף, פּרעס קאָמיטע.

בר. 304, סיאטעל, וואשינגטאָן.

## בר. 558.

נאָך פיעל מיה און גרויסע ענערגיע איז דעם ארב. רינג ברענטש 558 פון ביינגאר געלונגען דורכצופיהרען א גרויסען טהעאַטער פארשטעלונג זונטאג דעם 16טען דעצעמבער, 1917, אין דעם גרעסטען טהעאַטער אין ביינגאר, פאר דעם בענעפיט פון אונזערע מלחמה ליידענדע אין יוראפּ, און מיר האָבען געהאט א מאָראלישען ווי אויך פינאַנציעלען ערפאָלג, מאכענדיג 216.80 דאָלאר ווי אויך די בעוואונדערונג פון דער גאנצער שטאָדט פאר אונזער וואונדערליכער ארבייט אין דיעזער אונטערנעהמונג. זייענדיג א קליינער ברענטש פון בלויז 30 מעמבערט האָבען מיר פון דעסטוועגען אלעס דורכגעפיהרט אין בעסטען אָרדנונג.

דאָס איז זאָס ערשטע מאָל וואס די אידישע בעפעלקערונג האָט דורכגעפיהרט אזא אונטערנעהמונג, ניט נעהמענדיג אין אנבעטראכט וואס עס איז סטריקט פערבאָטען אין סטייט אָף מעין צו האָבען וועלכע עס איז ניט אונטערנעהמונג אום זונטאג.

מאררים אלפערט, איזידאר אלפערט, פּרעס קאָם.

# פאר דיסקוסיאן

## אן ענטפער צו פר. סטאלינסקי.

ערלויבט מיר צו מאכען א בעמערקונג צו פר. א. סטאלינסקי'ס ארטיקעל וואס איז געדורקט אין נאוועמבער „פריינד" מיט דעם נאמען „א מערקווירדיגע קאאפעראטיווע קאלאניע אין קאליפארניע". איך ערקלער אז אלעס וואס פריינד סטאלינסקי האט געשריעבען אין דעם ארטיקעל, האט ער געליינט אין א שריפט וואס די חברה פון „יאנא דעל ריא" גיבען ארויס אום צו קריעגען קונדען, פריינד סטאלינסקי, איז בעגאנגען א גרויסען פערברעכען מיט דעם אדווערטייזמענט וואס ער האט געמאכט פאר דער קאלאניע מיט זיין ארטיקעל. הונדערטער ארבייטער פאמיליעס וועלען זיין ארטיקעל לייענען און א סך וועלען אריינגעצויגען ווערען אין דער קאלאניע. לאמיר אייך זאגען, נאך מיין מיינונג, איז די קאלאניע א שאנדע פאר דער ארבייטער בעוועגונג. זיי אדווערטייזען זיך אלס א סאציאליסטישע, אין דער אמת'ן איז זי נאר א מיטעל אריינצונארען די סאציאליסטען, וואס האבען צביסעל געלד. ערלויבט מיר פלאץ, איבערצוגעבען צו אלע אונזערע פריינדע דעם אמת פון דיעזער מערקווירדיגע קאאפעראטיווע קאלאניע, דאס וואס איך וועל אייך שרייבען וועט דאס זיין די מיינונג און די ערפאהרונג פון הונדערטער פאמיליעס וואס זיינען רואינירט געווארען דורך דיעזער מערקווירדיגער קאלאניע. געוויס די בעלי הבתים און די בעצאהלטע שרייב־קנעכט, זיי זיינען גאנץ צופריעדען, פרעגט אבער די קאלאניסטען, יעדער איינער איז פשוט פעראונגליקט געווארען. אין מיין איצטיגען שרייבען וויל איך אויסדריקען מיין טיעפסטען פראטעסט צו א. סטאלינסקי, דאס ניט וויסענדיג זיכערהאן ניט האבענדיג גערעדט פערזענליך מיט איינעם פון אונזערע קאלאניסטען, און ווי איך פערשטעה, פון זיין שרייבען דעם ארטיקעל, איז פריינד סטאלינסקי זעהר ווייניג בעקאנט מיט דעם קאליפארניער לעבען. ניט וויסענדיג דאס אלעס, צי עס איז אמת, האט זיך פריינד סטאלינסקי גענומען צייט און געמאכט כמעט א גוטע איבערזעצונג פון א ביכעל וואס די קליקע גיט ארויס, „גייט־וועי טו פרידאם", און דער „פריינד" דרוקט, דער עולם לייענט, און א כלל, סאציאליזם אין דער ווירקליכקייט! צו ענדע פון זיין ארטיקעל מאכט ער דעם איינדרוק, אז א פריינד פון ללאנא שרייבט איהם א בריוועל. אפילו א גאנץ פיין בריוועל נאר ניט קיין אמת'ן, אויב אין יאנא אדער ללאנא איז ניטא קיין פאליסלייט איז אבער דא א געהיים פאליציי וואס היט יעדען קאלאניסט ער זאל ח"ו ניט ארויסרעדען א ווארט צו דער אויסערער וועלט וואס עס קען שאדען דער קאלאניע. איהר מעגט בלאזען וועגען דער קאלאניע, וויפיעל איהר ווילט אין פייוואר, אבער דעם אמת זאגען, דאס ניט.

אלע גוטע זאכען וואס איהר רעכענט אויס, זאג איך אויסדריקליך, איז פאלש און בין בערייט דאס איבערצוגעבען מיט פאקטען און מיט די הונדערטער פאמיליעס וואס מיר זיינען זיך צולאפען פעראונגליקליכטע.

די קאלאניע האט נאך ביז היינט קיין קונסט אטעליא פון מאלעריי, סקולפטור, צייכנונגען ניט געהאט. פרוכט זיינען נאך ניט געוואקסען, די בעקעריי לאז איך אויס, ווייל געוויס באקט מען ברויט, עס איז דא צייטען וואס מען באקט קיין ברויט אויך ניט, ווייל עס איז פשוט ניטא קיין מעהל, מען קענט פרוכט, דאס קומט פון אנדערע ארטשארדס וואס אונזערע קאלאניסטען געהען העלפען קלייבען, און דערפאר קריגט מען א געוויסען טייל פרוכט, און די פרוכט וואס מען קענט דא, ווי געזאגט, איז ניט פון „יאנא". מילך איז א לוקסוס זאך, אייגס איז א רפואה, פוטער איין פערטעל פונט א וואך פאר א מענשען, פיש־עטשערים איז ניטא. זייף, שווירטס, אווערא'לס, גלאווס ווערט ניט געמאכט, מואווינג פיקטשורס איז ניטא, וועגען א האספיטאל און דאקטוירים וויל איך יעצט ניט רעדען, נאר א קליינינקע בעמערקונג, אז עס איז א גרויסע ריזיקע צו זיין קראנק אין ללאנא. די קאלאניסטען וועלען זיך שעצען גליקליך ווען זיי האבען גענוג ברויט מיט בעבלעך און א חוץ א פיינט מילך א טאג פאר די קליינע קינדערלעך. עס איז אמת, אז עס קאסט ניט קיין רענט, אבער פריינדע, האט איהר שוין אמאל געצאהלט רענט ניט האבענדיג קיין הייזז. אין יאנא, די קאלאניסטען האבען ניט קיין הייזער, א חוץ די אפיסערס מיט די שרייב־קנעכט, און די קאלאניסטען וואס האבען זיך אויסגעבויט פאר זייער אייגען געלד. ס'הייסט, אויב זיי האבען געהאט, די גרעסטע צאהל ליידען פון היץ אום זומער, קעלט און נאסקייט און רעגען און שנעען און ווינטען, — ווינטערצייט. דאס איז פאר אייך מעגליך, א סורפריז, אין קאליפארניע שנעען? רעגענט און קאלט ווינטען? דאס איז אבער אזוי, אין דעם געגענד וואו ללאנא געפינט זיך. מען מוז צוגעבען, אז די ללאנאער קאלאניסטען זיינען כמעט אלע פון בעסערען סארט מענשען, דאס קומט דערפאר, וואס דורך זייערע אדווערטייזמענטס מאכען זיי דעם אנשטעל אז, דאס איז א סאציאליסטישע קאלאניע, און נאטירליך, ציהט זי דעם בעסערען עלעמענט. ענטוישט און אבגענארט ווערט מען נאכדעם ווי איהר צאהלט איין אייערע טויזענד דאלאר.

איך בעט אייך פריינד רעדאקטאר, גיט מיר פלאץ אין „פריינד" צו שרייבען אויספיהרליך מיט אלע איינצעלהייטען וועגען דיעזער קאלאניע, איהר וועט זיך דאן קענען איבערצייגען דעם ריינעם אמת פון די פאקטען וואס איך וועל אייך צושטעלען, איך ווארען אלע די וואס זיינען פעראינטערעסירט אין דיעזער קאלאניע, זיך ארויסצושלאגען פון קאפ די געדאנקען, אז זיי וועלען אמאל געהאלפען ווערען פון דעם קלייזעל־מענשען, וואס ווילען זיי, כלומר'שט ראטעווען פון די קאפיטאליסטישע הענד.

אלעקס וו. גאטליעב, מעמבער פון בר. 248.

---

## אידישע שוהלען.

קיין זאך שטעהט ניט אויף איין ארט, אלעס וואס איז אלט מוז אומגעענדערט ווערען, נאך דער צייט און נאך די אומשטענדען. יעדער געדאנק, יעדע אידעע נעהמט אן פערשיידענע פארמען און ריכטונגען, די זאכען וועלכע זיינען נעכטען געווען פערגעטערט און געהאלטען געווארען פאר פאזיטיווע, קומען היינט נייע מענשען און לייקענען דאס אב. אזוי זעהען מיר, אז קיין זאך איז ניט פעסטגעשטעלט. עס קומען פאר רעוואלוציאנען יעדען טאג און פיליייכט יעדע שטונדע אין מענשליכען לעבען אין יעדען געביט. דער ארבייטער רינג, אלס פראגרעסיווער ארדען, מוז זיך אויך רעכענען מיט דעם צייט גייסט. פאר דער לעצטער צייט האט זיך אויף דער אידישער גאס אנגעפאנגען צו הערען נייע טענער און גאנץ נייע לידער. דאס אידישע פאלק האט ערוואכט צו א גאנץ נייעם און זעלבסטשטענדיגען לעבען און פיהרט אן א קאמפף פאר זיין עקזיסטענץ בערעכטיגונג און פאר דער אנערקענונג פון דער אידישער שפראך, ווי דאס האבען געטהאן די אידישע סאציאליסטען אין רוסלאנד. דער ארבייטער רינג פון אמעריקא, אלס א גרויסער טהייל, און פיליייכט דער גרעסטער פון דער אידישער סאציאליסטישער בעוועגונג דא אין לאנד, דארף אויך אנפיהרען א קאמפף פאר דער אנערקענונג פון דער אידישער שפראך אין די אמעריקאנער פאבליק סקולס, ווי עס האבען געטהאן די פאליאקען אין שיקאגא און די דייטשען אין מילוואקי. דער אלטער געדאנק פון די גרינדער פון ארב. רינג און פון דער אידישער אינטעליגענץ פון יענער צייט, אז וואס שנעלער די אידען וועלען אננעהמען די הערשענדע שפראך פון יעדען לאנד וואו די אידען געפינען זיך, וואס שנעלער זיי וועלען זיך אסימילירען, אלץ שנעלער וועט קומען די „גאולה", — אז אט דער געדאנק איז פאלש, איז איבריג צו ריידען. עס איז גאנץ איבריג צו ערקלעהרען יעצט, אז מיר קענען זיין גאנץ גוטע סאציאליסטען און צו דער זעלבער צייט אידען.

די ערציהונגס פראגע, ווי אזוי זאלען אידישע סאציאליסטען און ראדיקאלען ערציהען זייערע קינדער, האט יעצט פערנומען דעם אויבען אן אין עפענטליכען לעבען. פערשיעדענע שוהלען זיינען פאר די לעצטע פינף יאהר ערעפענט געווארען איבערן גאנצען לאנד און אז אין ארב. רינג איז יעצט דא א פאדערונג פאר אידישע שוהלען, דאס האבען זיך איבערצייגט אלע די, וועלכע זיינען אנוועזענד געווען ביים קאנפערענץ וואס די עדיוקיישאנאל קאמיטע האט פערופען, וואו 36 ברענטשעס האבען געשיקט 72 דעלעגאטען. און זאל נאר ניו יארק מאכען דעם אנפאנג און עס איז זיכער, אז אזעלכע אידישע שוהלען וועלען ערעפענט ווערען איבערן גאנצען לאנד, וואו עס געפינט זיך נאר א ברענטש פון ארב. רינג. עס איז א פאקט אז די ערציהונג וואס אונזערע קינדער האבען בעקומען ביז יעצט קען אונז אויף קיין פאל ניט צופריעדען שטעלען אויף וועיטער.

נייטהען חייעט, מעמבער פון בר. 99.

# דאנק רעזאלוציאנען

מיר, די מעמבער פון „אויגוסט בעבעל” ברענטש 521 א. ר., אויסהערענדיג דעם בעריכט פון אונזערען א מעמבער, וועלכער איז געקומען פון סאניטאריום, ערקלערענדיג אונז די גוטע ארבייט, וועלכע די סאניטאריום קאמיטע מהוט און די שווערע ארבייט וועלכע זי פיהרט דורך, טראץ די פערשיעדענע שטערונגען, וועלכע זי בעגעגענט, און פיהרט דאס דורך א דאנק איהר איבערגעבענהייט צו די ארבייט, דריקען מיר אויס אונזער בעסטען דאנק דער סאניטאריום קאמיטע פאר איהר ארבייט און האפען אז זי וועט ווייטער ארבייטען פאר די אינטערעסען פון סאניטאריום און פאר דעם וואהל און בעסטען פון די מעמבערס פון ארב. רינג.
י. נאחאוויטץ, א. ראזענשטיין, רעז. קאמיטע.

---

ביי דעם לעצטען מיטינג פון די כאלאטוויגער בראנ. בר. 70 א. ר., שבת דעם 12טען יאנואר, איז אנגענומען געווארען די פאלגענדע רעזאלוציאן:
אין אנבעטראכט, דאס אונזער פריינד מ. שוואגער, וועלכער איז געווען אונזער פינאנץ סעקרעטער פאר די לעצטע זעקס יאהר האט, צוליעב פריוואט אומשטענדען נישט געקענט אנגעהמען ווייטער דאס אמט;
אין אנבעטראכט, דאס די איבערגעבענהייט און אפפערוויליגקייט מיט וועלכע ער האט צו זיין אמט אטענדעט האט וויט, ווייט איבערגעשטיגען זיין סאלארי וועלכער ער האט געקראגען.
זיי עס דערפאר בעשלאסען איהם צו פרעזענטירען מיט א מתנה אין דעם ווערטה פון 25 דאלאר אלס אויסדרוק פון אונזער אנערקענונג פון זיין טרייער ארבייט.
אויך זיי עס בעשלאסען דיזע רעזאלוציאן צו פערעפענטליכען אין „פריינד.” א. באכער, סעק. רעזאלוציאנס קאמיטע.

---

מיר, די מעמבערס פון דעם בר. 602 א. ר., דאנקען אונזער פריינד מ. ליפשין, אונזער געוועזענעם פינאנס סעקרעטער, פאר זיינע גוטע און עהרליכע ארבייט וועלכע ער האט געלייסטעט פאר אונזער ברענטש פאר דער צייט פון לעצטען יאהר אהן בעצאהלט.
אלבערט פילים, רעק. סעק.

---

אנערקענענדיג די גוטע ארבייט פאר|ן ברענטש, פון אונזער געוועזענעם בראטאקאל סעקרעטער, סיימאן מאלאמוד, פאר די לעצטע 3½ יאהר, דריקען מיר, האטינער יוגענד, בר. 271 א. ר., אויס אונזער טיעפסטע דאנקבארקייט צו איהם. מיר האפען אז ניט זייענדיג קיין בעאמטער וועט פר. מאלאמוד אויך לייסטען זיין בעסטעס פאר|ן וואהלזיין פון אונזער ברענטש.
יוסף פישמאן, סעק.

---

מיר דריקען אויס אונזער דאנק און צופריעדענהייט צו פריינד מאריס טהוראין פאר זיינע איבערגעבענע און גוטע ארבייט וואס ער האט געלייסטעט פאר אונזער ארדען בכלל און בר. 320 בפרט, אלס פינאנס סעקרעטער פאר 3 יאהר צייט. מיר האפען דאס ער וועט פארטזעצען זיין גוטע ארבייט ווי בעפאר, זייענדיג יעצט אונזער טרעזשורער. דייוויד אלעקסאנדער, פינ.סעק.

---

מיר, די מעמבערס ון ברוכילאווער־בערדיטשעווער בר. 547 א. ר. פון שיקאגא, איל., אויסהערענדיג דעם רעפארט וועגען די טהעטיגקייט פון די אלטע בעאמטע, פרייטאג, דעם 15טען פעברואר, בעשליסען אויסצודריקען אונזער הערצליכען דאנק און אנערקענונג צו די פריינדע א. אנאפאלסקי, געוועזענער האספיטאלער פאר דעם לעצטען יאהר, ווי אויך צו פר. מ. גיטליטץ, געוועזענער רעק. סעק., און צו דער גאנצער אדמיניסטריישאן פון פערגאנגענעם פעריאד.
מיט זייער אונערמיעדליכער ארבייט האבען זיי פיעל בייגעשטייערט צו דעם סוקסעס פון אונזער ברענטש. מיר ווינשען אז די נייע אדמיניסטריישאן זאל פארטזעצען זייער גוטע ארבייט.
י. בארנין, רעק. סעק., בר. 547 א. ר.

---

ביים לעצטען מיטינג פון בר. 193 א. ר., פרייטאג, דעם 18טען יאנואר, איז בעשלאסען געווארען צו בעדאנקען די געוועזענע בעאמטע פון ברענטש, ספעציעל דעם געזענעם סעקרעטער, פר. א. פיינמאן, פאר זיינע געטרייע און איבערגעגעבענע ארבייט פאר|ן א. ר. בכלל און פאר אונזער ברענטש בפרט אלס סעקרעטער פאר די לעצטע ת יאהר צייט.
מיר האפען אז פר. פיינמאן וועט אויך אויף ווייטער פארטזעצען זיינע פראכטפולע און פיעל טחעטיגע ארבייט ווי בעפאר.
לוויס גארפיעלד, סעקרעטער.

---

מיר דריקען אויס אונזער הערצליכסטען דאנק פאר די פלייסיגע און טיכטיגע ארבייט צו אונזער געוועזענעם פינ. סעק., פריינד א. טעפבער, און פאר די גוטע דיענסטע וואס ער האט געלייסטעט פאר די לעצטע 5 יאהר. בר. 8 א. ר.

---

מיר, שעדלעצער בר. 53 א. ר., אויסהערענדיג דעם רעפארט פון לעצטען באלל, און אנערקענענדיג די טרייע און איבערגעבענע ארבייט פאר|ן ברענטש בעשליסען אויסצודריקען אונזער הערצליכען דאנק צו די באלל קאמיטע, די פריינדע ס. זילבערגלייד, ל. רייזענשטיין, ג. רייטמאן, ר. סטיולו, א. גרינבערג און ב. שעדלער, מיט זייער ארבייט האבען זיי ווירקליך זעהר פיעל געהאלפען דעם ברענטש.
ל. קאווע, סעק.

# טרויער רעזאלוציאנען

מיר, די מעמבערס פון בר. 20 א. ר. דריקען אויס אונזער טיעפען טרויער אויפ'ן פריהצייטיגען טויט פון אונזער פריינד, הייזמאן גאלדשטיין. ה. זאק, רעקאר[illegible] [illegible]טער.

---

מיר, די מעמבערס פון בר. 312 א. ר. פון [illegible], דריקען אויס אונזער טיעפסטען טרויער אויף די[illegible] אונזער ליעבען פריינד הערי ווייס, וועלכער איז ג[illegible]ן עלטער פון 27 יאהר, יאנואר דעם 7טען, 1918.
מיר דריקען אויס אונזער סימפאטהי צו דער א[illegible] און קינד.
פ. בלאק, סעק. בר. 312.

---

מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטען טרויער און שמערץ אויף דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער בעליעבטען פריינד לואי סאכרין. געשטארבען אין עלטער פון 34 יאהר.
דזשאזעף ריטש, סעק. בר. 41.

---

מיר, „אויגוסט בעבעל” ברענטש 521 א. ר., דריקען אויס אונזער טיעפען בעדויערען צו פריינד שאפירא אויף דעם פלוצלונגען טויט פון זיין פרוי, מלכה שאפירא.
דזשא נעהאוויטש, באריס קאהן, רעז קאמיטע.

---

מיר דריקען אויס אונזער סימפאטהי צו דער אלמנה פון אונזער פערשטארבענעם פריינד און חבר מאקס ספעקטאר, וועלכער איז געשטארבען זונטאג דעם 13טען יאנואר 1918.
אייב רדזאנאוו און סעם גודין,
בר. 25 לייבאר ליגע, בראקטאן, מאסס.

---

מיר די מעמבערס פון ברענטש 34 א. ר. דריקען אויס אונזער טיעפסטען טרויער אויף דעם טויט פון אונזער מעמבער האפפמאן.
א. עווראן, סעק.

---

מיר, די מעמבערס פון בר. 524 לואיסטאן, מעין, בעדויערען פון טיעפען הארצען דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער פר. שואל שולמאן, וועלכער איז גע|הרג|עט געווארען אין שיפ־יארד פון די טעקסעס קאמפאני.
ז. מ. שאטץ, רעזאלוציאנס קאמיטע.

THE FRIEND



דער פריינד

Vol. IX. MAY 1918 No. 5

# א יאָהר שווערע אַרבּייט

די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע קומט צו דער קאָנווענשאָן אין פיטסבורג מיט דעם בעוואוסטזיין, אז זי האָט ערפילט איהרע פליכטען, וואס די מיטגליעדער פון ארבייטער רינג האָבען אויף איהר ארויפגעלעגט.

עס איז געווען זעהר א שווער יאהר, מען קען זאָגען א קריטיש יאָהר פאר דעם ארבייטער רינג און פיעלע האָבען זיך געשראָקען, אז דער בעריבט פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע צו דער פיטסבורגער קאָנווענשאָן וועט זיין זעהר ניט קיין בּרעהליכער. מען האָט זיך געשראקען, אז נאָך דעם גרויסען פּראָספּעריטי יאָהר אין ארבייטער רינג, ווען ארום צעהן טויזענד נייע מיטגליעדער זיינען צוגעקומען צום ארבייטער רינג, וועט מען דאָס יאהר קומען צו דער קאָנווענשאָן ניט נאָר מיט א געווינס נאָר מיט אַ בעדייטענדען פערלוסט. און דער שרעק איז געווען א גאַנץ בעגרינדעטער. די גרעסטע צאָהל פון די מיטגליעדער פון ארבייטער רינג זיינען יונגע מענשען, פון מיליטער עלטער. עס איז, אלזא, געווען זיכער, אז מיר וועלען האָבען א בעדייטענדען פערלוסט אין אונזער מיטגליעדערשאפט. און די אויסזיכטען אריינצונעהמען נייע מיטגליעדער זיינען געווים געווען ווייט פון גלענצענדע, און טאַקע צוליעב דערזעלביגער אורזאכע. דער ארבייטער רינג רעקרוטירט זיינע מיטגליעדער הויפּטזעכליך צווישען דעם אינגערען ארבייטער עלעמענט, צווישען דעם עלעמענט, וואס האָט דאָס יאהר געהערט אזא גרויסע צורודערונג, דאָס עס האָט אָפט ניט געקענט מען קיין מוט צו געהן צו איינעם ריידען וועגען דעם, אז ער זאָל אריינטרעטען אין ארבייטער רינג.

דערצו האָבען זיך פיעלע געשראָקען, אז די ענדערונגען אין די צאָהלונגען, דורך דער איינפיהרונג פון פראטווירנאַל רייטס, וועט פיהרען צו א פערלוסט פון מיטגליעדער. עס איז אמת, אז פארלויפיג האָבען די צאָהלונגען זיך ניט בעדייטענד געהעבערט, אָבער עס איז דאָך געמאבט געווארען אן ענדערונג. און ווער עס איז בעקאנט מיט דעם כאראקטער פון אן אָרגאניזאציאָן ווייס, אז ענדערונגען אין צאָהלונגען האָבען מייסטענס ניט קיין גינסטיגע ווירקונג.

אונטער אזעלכע אומשטענדען איז עס געווען צו ערווארטען, אז הא־יאהר זאָל דער ארבייטער רינג האָבען צו פערצייכענען ניט קיין צואוואוסט פון מיטגליעדער נאָר א פערמינדערונג. און, דעם אמת געזאָגט, האָבען פיעלע מיטגליעדער פון דער נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע אין טהוער פון ארבייטער רינג זיך ארומגעטראגען מיט ניט זעהר פרעהליכע האָפנונגען. מען האָט מורא געהאט, אז דאָס מאָגערע יאָהר וועט אויסעסען דאָס פעטע יאָהר. צו אונזער פרייד אָבער קומ די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע צו דער קאָנווענשאָן אין פיטסבורג ניט נאָר אָהן א דעפיציט, נאָר אויך מיט אַ קליינעם געווינס. דורך די גרויסע אָנשטרענגונגען, וועלכע זיינען געמאַכט געווארען אָנצוהאלטען די אלטע מיטגליעדער פון ארבייטער רינג און אריינצונעהמען נייע, איז עס געלונגען דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע אין ריעזען שווערען יאהר, פון דער ניו יארקער קאָנווענשאָן ביז דער פיטסבורגער, אָנצוהאלטען די גרויס פון ארבייטער רינג און פערפעסטיגען די פּאָזיציעס, וועלכע זיינען איינגענומען געווארען אין דעם ארבייטער רינג פּראָספּעריטי יאָהר פון 1917.

עס דארף דערביי אויך גענומען ווערען אין בעטראכט, אז נאָך אַ גרויסען צופלוס פון נייע מיטגליעדער קומט אימער א גרויסער אָבפלוס. מיר ווייסען עס זאָגאר פון דער ערפאהרונג פון ארב. רינג. ווען א גאַנץ גרויסע [illegible] נייע מיטגליעדער ווערען אריינגענומען דורך אן אָנגעשטרענגטען קעמפּיין, ווייס מען, אז א ביסעל שפּעטער וועט די שטרייך־ליסטע זיין א צימליך גרויסע. דאָס איז גאַנץ נאַטירליך. אין אלגעמיין איז די צאָהל געשטראכענע אימער א גרעסערע צווישען די נייע אריינגענומענע מיטגליעדער, ווי צווישען די אלטע. ווער עס האָט זיך שוין איינגעלעבט מיט'ן ארבייטען רינג וועט זיך אזוי לייכט ניט לאָזען שטרייכען. די נייע, די פרישע, וועלכע האָבען נאָך ניט געהאט קיין גענוגענדע צייט זיך מיט'ן ארבייטער רינג צו בעקענען און מיט איהם זיך איינצולעבען, לאָזען זיך לייכטער שטרייכען. בּפרט נאָך אזעלכע וואס זיינען אריינגעצויגען געווארען מיט דעם שטראָם פון אן אָנגעשטרענגטען קעמפּיין. עס האָט זיך דעריבער געפאָדערט א גאַנץ ענערגישע און אן אויסדויערענדע אָרגאַניזאציאָנס־ארבייט צו קאָנסאָלידירען, ווי מען זאָגט עס אויף מלחמה לשון, די געוואונענע פּאָזיציעס פון פאָריגען יאהר. אָנצוהאלטען די גרויסע צאָהל מיטגליעדער וועלכע זיינען דורך דעם פאָריאָהריגען ערפאָלגרייכען קעמפּיין אריינגענומען געווארען און זיי צו אסימילירען, פערדייען אין אונזער גרויסער אָרגאַניזאציאָן.

עס איז זעלבסט פערשטענדליך, אז דער הויפּט קרעדיט פאר דער דאָזיגער ארבייט קומט דער ארגאניזאציאָנס קאָמיטע אָבער א גרויסען טייל פון דעם קרעדיט קומט אויך דער גאַנצער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע, וועלכע האָט געהאָלפען דער אָרגאַניזאציאָנס קאָמיטע אין איהר ארבייט און האָט געארבייט מיט איהר האַרמאָניש צו ערגרייכען דעם געווינשטען ערפאָלג.

*

די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע האָט זיך דאָס יאהר גאַנץ בע־

...געצייכענט אין א הארמאָנישען צוזאמענארבייטען. ...נ אויף דעם, וואס די איינצעלנע קאָמיטעס זיינען, ...איצטיגער רעפארמירטער פערוואלטונגס־פארם, ווייט זעלבסטשטענדיג ווי אונטער דעם אָריגינעלען זאָגע־ ...ניו דזשערזי פּלאַן, און יעדער בעשלוס פון א קאָמיטע ...קט אזוי צוריקגעוויזען ווערען פון דער אלגעמיינער זי־ ...און דער עקזעקוטיווע, ווי גוט געהייסען ווערען, האָט דאָס ...ניט געשטערט די הארמאָניע פון דער געמיינשאפטליכער ...ייט. דער וואונש, וואס עס האָט געהערשט ביי אלע קאָמי־ ...ס און ביי דער נאַציאָנאַלער עקזע.וטיווע אלס גאַנצע צו האָן דאָס בעסטע פאר דעם ארבייטער רינג, וואס איז אָנגע־ טרויט געוואָרען אין זייערע הענד, האָט געשאפען די נויטיגע הארמאָניע און דעם וואונש, אז איין קאָמיטע זאָל העלפען די צווייטע דורכצופיהרען איהר ארבייט מיט דעם בעסטען ערפאָלג. יעדע קאָמיטע האָט געהאט אין זינען ניט בלויז איהר אייגענע ארבייט נאָר דעם גאַנצען ארבייטער רינג.

*

א שווערען יאָהר האָט געהאט די סאַניטאַריום קאָמי־ טע. זי האָט געהאט א סך קראַנקע אין סאַניטאַריום און דערצו זיינען די לעבענס־מיטעל זעהר הויך געשטיגען. ביי דער בעדייַ־ טענדער פערגרעסערונג פון דער צאָהל פּאַציענטען און ביי דעם אונגעהויערען יקרות האָט די סאַניטאַריום קאָמיטע ניט געקענט דורכקומען מיט איהר בודזשעט, וואס זי קריענט. דערצו איז די סאַניטאַריום קאָמיטע געווען געצוואונגען דאָס יאָהר צו ביי־ טען דעם דאָקטאָר פון סאַניטאַריום, דאָס איז געווען זעהר א שווערע אָפּעראַציע. אָבער זי איז דורכגעפיהרט געוואָרען אָהן וועלכע עס איז שטערונגען און ניט מאַכענדיג דערפון קיין „אי־ שיו" צווישען דער מיטגליעדערשאַפט פון ארבייטער רינג און זאָגאר ניט צווישען די פּאַציענטען אין סאַניטאַריום.

*

דער גענעראַל סעקרעטער אונזערער מיט דער אָפּיס קאָמי־ טע קומען געווים צו דער קאָנווענשאָן מיט א גוטען בעריכט. דער אדמיניסטריישאָן פאָנד, וועלכער האָט א צייט געליטען פון א כראָנישען דעפיציט, האָט זיך ענדליך דערלעבט צו האָבען א בע־ דייטענדען סורפּלוס. די פערוואַלטונג פון אָפּיס איז געפיהרט גע־ וואָרען צו דער העכסטער צופריעדענהייט פון אונזער גרויסער מיטגליעדערשאַפט און דאָך מיט דער בעסטער עקאָנאָמיע.

דער אָפּיס האָט אין א נאַנץ קורצער צייט נעדאַרפט דורכ־ פיהרען א גרויסע און שווערע ארבייט. ווי עס זיינען נאָר בע־ קאַנט געוואָרען די רעזולטאַטען פון רעפערענדום וועגען דער איינפיהרונג פון פּראָטווירנאַל דייטס, האָט די נאַציאָנאַלע עק־ זעקוטיווע בעשלאָסען, אז פון יאַנואר 1918 זאָלען די נייע צאָה־ לוננען אריין אין קראַפט. עס האָט זיך געפאָדערט א סך אר־ בייט און אָנשטרענגונג דורכצופיהרען דיזע גרויסע רעפאָרמע אין לעבען אין אזא קורצער צייט. זי איז אָבער דורכגעפיהרט געוואָרען. דאָס איז געווען א שווערער עקזאַמען, וועלכען דער אָפּיס האָט גלענצענד אויסגעהאַלטען.

*

די בענעפיט קאָמיטע האָט פאָרטגעזעצט איהר אַלטען קאַמפּף ווי צו פערמיידען אויסצוצאָהלען ניט בערעכטיגטע קראַנקען־בענעפיטס און זי האָט דאָס יאָהר געהאַט צו פערציי־ כענען א בעדייטענדען ערפאָלג אין איהר קאַמפּף. זי האָט אויך געמאַכט א דעפּאַרטמענט אין עקזאַמינירען די נייע פאָרגעשלאָגענע קאַנדידאַטען, וועלכע דאַרפען אריינגענומען ווערען אלס מיט־ גליעדער פון ארבייטער רינג. ווי אויך אנדערע אויסבעסערונגען אין דעם קראַנקען בענעפיט דעפּאַרטמענט, וועלכע וועלען ברייַ־ גען נוצען דעם ארבייטער רינג.

*

אויך די גריוועַנס קאָמיטע האָט געהאַט גענוג ארבייט. דער ארבייטער רינג איז געוואַקסען, עס זיינען פאַראַן מעהר מיט־ גליעדער און מעהר בראַנטשעס. און ווען עס ווערט גרעסער די ארגאַניזאַציאָן קומען פאָר מעהר פראַגען צו ענטשיידען און מעהר שטרייטיגקייטען צו שליכטען. די פעראַנטוואָרטליכ־ קייט פון דער גריוועַנס קאָמיטע איז דאָס יאָהר אויך געוואָ־ רען א גרעסערע. מען קען מעהר ניט אַפּעלירען געגען דער ענטשיידונג פון דער גריוועַנס קאָמיטע צו דעם דירעקטאָרען באָארד. א גרעסערע פעראַנטוואָרטליכקייט פאָדערט מעהר ארבייט און מעהר אויפמערקזאַמקייט.

*

די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע קומט אויך צו דער קאָנווענ־ שאָן מיט א ביסעל שטאָלץ פאר דער ארבייט, וואס זי האָט דאָס יאָהר געטהאָן. אויסער די געוועהנליכע רוטינע ארבייט, וואס די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט דורכצופיהרען אין פער־ לויף פון יאָהר, און אָפט גאַנץ שווערע ארבייט, האָט זי דאָס יאָהר אויך ארויסגעגעבען 7 נייע פּאָפּולער וויסענשאַפטליכע ביכער און פאר אן אונגלויבליכען ביליגען פּרייז. זי האָט בע־ רייכערט די ארבייטער רינג ביבליאָטהעק מיט א ווירקליכען אוצר פון וויסענשאַפטליכע ביכער, פון וועלכע די מיטגליעדער פון ארבייטער רינג קענען פיעל לערנען. זי האָט ארויסגעגע־ בען געשריבענע וויסענשאַפטליכע קורסען, אויף וועלכע די מיט־ גליעדער פון ארבייטער רינג האָבען זיך געקענט אַבאָנירען פאר א נאַנץ קליינעם פּרייז; זי האָט דורכגעפיהרט אַן ערפאָלגריי־ כען לעקטשור טור א. ז. וו.

*

די ארבייט פון דער עקזעקוטיווע צו העלפען די אידישע מלחמה קרבנות האָט זיך דאָס יאָהר געקרוינט מיט נאָך א גרע־ סערען ערפאָלג ווי פאר יאָהרען. דער סאַניטאַריום טאָג האָט אריינגעבראַכט פאר אונזערע מלחמה קרבנות כמעט די גאַנצע סומע, וואס מיר האָבען געהאָפט צו זאַמלען. דאָס איז מעהר ווי פיעלע האָבען ערוואַרטעט. עס האָט אָבער גע אָסט א סך אר־ בייט, א סך אָנשטרענגונג צו עררייכען דעם דאָזיגען גרויסען ער־ פאָלג.

אין קורצען, די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע האָט אין דעם שווערען יאָהר געטהאָן שווערע ארבייט און זי קומט צו דער קאָנווענשאָן מיט דעם געפיהל, אז זי האָט איהר פליכט גע־ טהאָן לויט איהרע כחות און אז זי האָט אין איהר ארבייט און אין איהרע בעמיהונגען געהאַט אין זינען די אינטערעסען פון דער גרויסער ארגאַניזאַציאָן, וועלכע איז איהר פערטרויט גע־ וואָרען.

די דעלעגאַטען פון דער קאָנווענשאָן, צו וועמען די נאַציאָ־ נאַלע עקזעקוטיווע דאַרף אָבגעבען א בעריכט פון איהר יאָהר ארבייט, וועלען געווים אויסנוצען די ערפאַהרונג, וואס די נאַ־ ציאָנאַלע ע זעקוטיווע האָט דאָס יאָהר געמאַכט און וועלען אָנ־ נעהמען בעשליסע, וועלכע זאָלען העלפען אונזער אַלעמענס בע־ ליעבטען אָרדען אין זיין ווייטערדיגען וואוקס און אין זיין ווייַ־ טערדיגען ערפאָלג.

מיר בעגריסען די דעלעגאַטען צו דער קאָנווענשאָן און ווינשען זיי דעם בעסטען ערפאָלג אין זייער ארבייט פאר אונזער גרויסער, אידישער ארבייטער ארגאַניזאַציאָן, דער ארבייטער רינג.

# זיבענצענטער רעפּאָרט צו דער 18-טער קאנווענשאַן פון ארבייטער רינג אין פיטסבורג



## בעאַמטע פון יאָהר 17—1918

אב. עפּשטיין — — — — — — — טשערמאַן
י. ראטמאַן — — — — — — ווייס-טשערמאַן
מאַקס פּערלאָוויץ — — — — — טרעזשורער
י. באַסקין — — — — — רזשענ. סעקרעטער
פּ. געליעבטער — — — — — רעק. סעקרעטער
מאיר לאָנדאָן — — — — — ליגעל ארוויזער
מ. ל. וואהלבערג — — — — — קעשיר
דזשוליוס עפּשטיין — — — — בוך־קיפּער
עדווין פּראָבערטס — — — — אוידיטאָר



# די נאציאָנאלע עקזעקוטיוו קאָמיטע

### אָרגאַניזיישאָן קאָמיטע:

י. דינערשטיין, טשערמאַן
אב. עפּשטיין
ב. וואלאוויץ
ס. סילווערמאַן
מ. גערשאָנאָוו.

### סאַניטאַריום קאָמיטע:

ר. גוסקין, טשערמא׳
מ. וואהלבערג
א. ארלער
ס. סילווערבערג
מאקס פּערלאוויץ.

### אָפיס קאָמיטע:

מ. איוועגסקי, טשערמאַן.
מ. דייווידאָף
נ. פריימאַן
י. ראטמאַן
. סיגעל.

### בענעפיט קאָמיטע:

מ. גאָלדינג, טשערמאַן.
מ. מינדלין
ס. יאקאבי
מ. ט. מאלאט
י. וויינשטיין.

### עדיוקיישאָנאל קאָמיטע:

ב. האָפמאַן (צביון) טשערמאַן.
ר. זאלצמאַן
ה. באַזעל
ס. יעלין
א. צוקער

### גריוועגס קאָמיטע:

מ. ווייגבלאט, טשערמאַן
ל. ראטחמאַן
ג. מעטץ
ל. פלאשענבע
מ. מאלאט.

### אלגעמיינע מעדיקאל אדווייזאָרי באָארד:

דר. רזש. האלפּערן
דר. ה. קלימענקא
דר. י. א. מעריסאָן
דר. אב. קאספּע
דר. א. היימאָוויץ
דר. י. בארסקי
דר. פעני רעמבאָ
דר. ב. נעלסאָן

### סאַניטאַריום מעדיקאל אדווייזאָרי באָארד:

דר. רזש. האלפּערן
דר. ס. אינגערמאַן
דר. מ. ג. פריעדמאַן
דר. מ. ראָס
דר. ש. פעסקין
דר. מ. ראזענטהאל

### נעשאָנאל באָרד אָוו דירעקטאָרען:

מ. י. אשפּיז, ניו יארק
ב. סלאווין, ניו דזשערזי.
י. חלק, רהאָד איילאנד
י. מאטענקא, קענעדא.
ה. טייטעלמאַן, פּענסילווייניא
ל. בענענסאָן, אילינאָי.
ד. שייער, מיננעסאָטי.
וו. ראזען, ווירדזשיניא.
ס. שקלאווין, מישיגען.
ה. יאנאווסקי, קאָנעטיקוט
ל. מ. דזשאספּער, אָהייאָ.
ע. סאקאלאוו, מערילענד.
א. ראסקין, וויסקאָנסין.
ה. קינבורן, מעין סטייט, האָט רעזיגנירט.

# רעפּאָרט פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע פון אַרבייטער רינג

צו די אלע דעלעגאטען פון דער 18 יעהרליכער קאָנווענשאָן, און צו אלע מעמבערס פון ארב. רינג.

ווערטהע פריינדע: —

אין אונזער רעפּארט, וועלכען מיר גיבען אייך דאָ אי־בער וועלען מיר זיך ניט אָבשטעלען אויף אלע איינצעלהייטען פון אונזער טהעטינקייט, אין אונזער ארבייט, פאר דעם פער־גאנגענעם יאָהר, ווייל דיעזע אלע איינצעלהייטען וועט איהר געפינען אין די בעזונדערע רעפּארטס פון די פערשיעדענע דע־פּארטמענט קאָמיטעס וועלכע שטעלען צוזאמען די נאציאנא־לע עקזעקוטיוו קאָמיטע.

די איצטיגע לאַגע אין לאנד האָט אונז דעם גאנצען יאהר געהאלטען אין אזא פּאָזיציאָן אז פיעלע און וויכטיגע פראגען וועלכע זיינען ביי אונז געשטאַנען אויף דעם טאגעס ארדנוגג און וואלטען אונטער נאָרמאלע אומשטענדען זיכער געקענט דורכגעפיהרט ווערען, האָבען דיזען יאהר ליידער ניט געקענט דורכגעפיהרט ווערען אין לעבען.

דאָס וואס מיר גיבען אייך דאָ איבער קען בלויז בעטראכט ווערען אלס אן אלגעמיינער איבערבליק איבער דער ארבייט וואס איז געטהאָן געווארען פון דער גאנצער עקזעקוטיוו קאָ־מיטע און טראגט דארום אן אלגעמיינעם כאראקטער.

דיזע ארבייט ווערט קלאַסיפיצירט אין צוויי אָבטהיילונ־גען. 1) אַלגעמיינע אינערליכע אָרגאניזאציאָנס פראגען, און 2) געזעלשאַפטליכע טהעטיגקייט.

---

## אינערליכע אָרגאַניזאַציאָנס פראגען.

---

### פראַטוירנאַל רייטס, און די לעגאליזירונג פון ארבייטער רינג.

די לעצטע קאָנווענשאָן האָט אונז איבערגעגעבען די אויפ־גאַבע צו מאכען דעם ארב. רינג געזעצליך אין אלע סטייטס וואו מיר זיינען נאָך ניט געטשארטערט, און האָט אונז אויך בעפּאָלמעכטיגט אנצואווענדען אלע נויטהיגע און פאסענדע מיט־לען אום דיזען צוועק צו עררייכען.

מיר האָבען גלייך נאָך אונזער אינסטאָליישאָן גענומען זיך דיעזע אויפגאבע דורכצופיהרען. פריהער פאר אלעס איז פאַר אונז געוועזען וויכטיג פעסטצושטעלען דעם זיכערהייטס צושטאַנד פון ארב. רינג און אויסצוגעפינען אויב די איצטיגע און צו־קונפטיגע פאָנדס פון ארב. רינג וועלען זיין גענוג צו דעקען אונזערע שולדען און די אינשורענס פערפּליכטונגען וועלכע דער ארב. רינג טראָגט צו זיינע מיטגליעדער.

מיר האָבען געוואלט נאָך אמאָל פעסטשטעלען די ריכ־טיגע „וואַליואיישאָן" פון אונזער ארדען, און אבוואהל וואליו־איישאָנס זיינען יעדען יאהר אויסגעארבייט געווארען פון אזא עקספּערט ווי עלדרידזש, דאָך האָבען מיר געפונען פאר ראטהזאם איינצולאדען א צווייטען עקספּערט, דעם בעריהמטען אינשורענס עקספּערט, גענאָסע דר. רובינאוו, און איהם בעאויפטראגט אויסצוארבייטען א נייע וואליואיי־שאָן.

דר. רובינאָוו, וועלכער קען גוט די פערשיעדענע פארמען און דעם סיסטעם פון אלע פערשיעדענע פאָנדס און צאָהלונגען אין ארב. רינג, האָט אונז צוגעשטעלט א וואליואיישאָן רעפּארט וועלכער האָט געצייגט אז אויף יעדער הונדערט דאָלאר אינשו־רענס וואס דער ארב. רינג טראגט, האָבען מיר בלויז א פערמע־גען פון עטוואס מעהר ווי 51 דאָלאר, און אָבוואָהל דער רעזערוו פאָנד איז לעצטען יאהר פערגרעסערט געווארען מיט דעם אריינ־קומען פון א גרויסע צאָהל יונגע מעמבערס, דאָך איז דער זי־

כערהייטס צושטאַנד פון ארב. רינג כמעט ווי ניט פערבעסע[rt] געווארען.

מיר האָבען דורך אונזער ליגעל אדוויזער, קאָנגרעסמ[ען] מאיר לאָנדאָן, זיך געשטעלט אין פערבינדונג מיט גרויסע ל[אָ]יערס פון פערשיעדענע סטייטס און אויך דירעקט מיט די אי[נ]שורענס דעפּארטמענטס אום אויסצוגעפינען וואָס זיינען די ב[א]דערונגען פון די אינשורענס געזעצע אין יענע סטייטס. פון [די] גרעסטע צאָהל סטייטס האָבען מיר ערהאלטען קלאָרע און דיי[ט]ליכע ענטפערס, אז מיר קענען דאָרט ווערען געזעצליך בלו[יז] דאן, ווען מיר וועלען אָננעהמען די פארמע פון צאָהלונגען ווע[ל]כע זיינען באַזירט אויף דער שטערבליכקייט טאַבעלע פון „נ[א]ציאָנאַלען פראַטוירנאַל קאָנגרעס".

מעהרערע פון אייך ווייסען וואהרשיינליך, אז די לעצ[טע] קאָנווענשאָן האָט דורך א רעזאָלוציאָן אונז בעאויפטראגט „[צו] ענדערן די פאָרמע פון צאָהלונגען, אזוי אַז עס זאָל זיין א[ין] איינקלאַנג מיט די פאָדערונגען פון די אינשורענס גע[זעצע] פון די בעטרעפענדע סטייטס", און נאָכקומענדיג ד[עם] בעשלוס פון קאָנווענשאָן האָבען מיר דיזע רעזאָלוציאָן ארוי[ס]געשיקט צו די ברענטשעס פאר אָבשטימונג. צוזאמען מ[יט] דעם רעפערענדום האָבען מיר אויך ארויסגעשיקט א צושרי[פט] וואו מיר האָבען אלעס קלאָהר געמאכט, ווי אזוי מיר האלט[ען] מיט דער געזעצליכקייט פראגע, און אויך איבערגעגעבען [אלע] פולע איינצעלהייטען וועגען דר. רובינאָוו'ס און עלדרידזש['ס] וואליואיישאָן רעפּארטס, וועלכע האָבען געצייגט אין וואָס פ[אר] א פינאַנציעלען צושטאַנד דער ארב. רינג געפינט זיך.

די רעזולטאַטען פון דיזען רעפערנדום זיינען אייך שוין ב[ע]קאנט. איבער צוואנציג טויזענד מעמבערס האָבען זיך ב[ע]טהיילינט. א דאנק די אינטעליגענץ און איבערגעבענהייט [פון] אונזערע מעמבערס, האָבען כמעט דריי־פערטעל פון דיזער גר[ע]סער צאָהל מעמבערס געשטימט פאר די איינפיהרונג פון „פר[א]טוירנאַל קאָנגרעס רייטס". די גרויסע מאַיאָריטעט מיטגלי[ע]דער האָבען געזאגט זייער לעצטעס ווארט, און ענדליך איז [א]לעזט געווארען איינע פון די וויכטיגסטע פראגען אין דעם [לע]בען פון אונזער ארגאַניזאציאָן.

אזוי ווי די רעזאָלוציאָן פון קאָנווענשאָן האָט ענטהאלט[ען] דעם פּונקט אז די ענדערונג אין די פארמען פון צאָהלונגען [ז]אָלען איינגעפיהרט ווערען ניט שפּעטער ווי יאַנואר, 1918, ה[א]בען מיר באלד געמאכט אלע פּארבערייטונגען אין אָפיס די [נ]ייע סיסטעמע איינצופיהרען, און שוין אין יאנואר 1918, זיינען פראַטוירנאַל רייטס צאָהלונגען געווארען א פאקט אין א[רב.] רינג.

אין פערבינדונג מיט דער פראגע פון די נייע צאָהלונג[ען] האָבען מיר גענומען אין אַנבעטראכט אז די מעמבערס פון [קלאַס] 1, 2, 3 און 4, וועלכע האָבען געבויט אונזער ארגאניזאציאָן [זיי]נען ביז א געוויסען גראד בערעכטיגט צו אייניגע פערלייכט[ע]רונגען, און רעכנענדיג זיך מיט דעם פערלאַנג און סענטימע[נט] פון קאָנווענשאָן אז די עקז. קאָמיטע זאָל זוכען וועגען און מ[יט]לען ווי צו פערלייכטערען די צאָהלונגען פון אונזערע עלטע[רע] מעמבערס, האָבען מיר בעשלאָסען אז די אויבענדערמאָנ[טע] ברענטשעס זאָלען האָבען דאָס רעכט צו צאָהלען פאר זייע[רע] מיטגליעדער לויט די יאהרען ווען זיי זיינען ארייננעקומען [אין] די [ס]טייטס וועלכע האָבען זיך שפּעטער פאָרמירט און [...] גר[...] דעם ארב. רינג. מיר האָבען אויך אָנגענומען א ב[ע]שלוס, אז אלע מעמבערס וואס זיינען אמאָל געשטראכען [ג]ווארען און זיינען א געוויסע צייט געשטאַנען אויסערהא[לב] דעם ארב. רינג און נאָכהער צוריק אריין אין ארב. רינג בעפ[אר] 1918, זאלען זייערע צאָהלונגען זיך רעכענען נאָך די יאהר[ען]

יאָס זיי האָבען דעם ערשטען מאָל אין ארב. רינג אריינגעטראָ־ ווען.

מיר האָבען איינגעזעהן אז דיעזע ראדיקאלע ענדערונג אין י צאָהלונגען פון די אויבענדערמאָנטע ברענטשעס, און אויך ן די געשטראכענע מעמבערס, וועט אויף דעם מאָרטשוערי אָנד קיין גרויסע ווירקונג אין פערלוסטען ניט האָבען, וועה־ ענד פאר די בעטרעפענדע מיטגליעדער וועט דאָס זיין א גרויּ ע הילף און פערלייכטערונג אין זייערע צאָהלונגען.

וואס אנבעלאַנגט די לעגאלעזירונג און טשאַרטערען דעם ארב. רינג אין אלע אונגעזעצליכע סטייטס קענען מיר זאגען אלגענדעס:

אזוי שנעל ווי דער פראָטווירנאל רייטס רעפערענדום איז ורכגעגאנגען האָבען מיר דורך אונזער ליגעל אדווייזער גע־ אָסע לאָודאָן, ארויסגעשיקט אפליקיישאָנס פאר טשאַרטערס ין אלע אונגעזעצליכע סטייטס, און אין דעם מאָמענט ווען יעזער רעפּארט ווערט געשריבען, האָבען מיר שוין ערהאלטען ון פיעלע סטייטס אנטווארטען אין וועלכע זיי פערלאַנגען ון אונז מיר זאָלען זיי געבען געוויסע אינפאָרמאציאָנען ווע־ ען אונזער קאָנסטיטושאָן און אלגעמיינע פיהרונגען. אייניגע ון דיזע סטייטס פערלאַנגען דורכאוים אז דער אינשורענס דע־ פּאַרטמענט פון ניו יארק, אונטער וועמעס געזעצע מיר זיינען עטשאַרטערט, זאָל אונז רעקאָמענדירען. דאס קען נור געטהאָן ווערען ווען דער קאָמישאָנער אף אינשורענס פון ניו יארק וועט מאכען אן אויספיהרליכע אונטערזוכונג אין אונזערע ביכער און פינאַנסען. אזא אונטערזוכונג וועט קירצליך געמאכט ווע־ רען און העכסט וואהרשיינליך וועלען מיר אין די גרעסטע צאָהל פון דיזע סטייטס זעהן אירגענד וועלכע שוועריגקייטען ווערען געזעצליך.

## דער קעמפיין פאר 10 טויזענד נייע מיטגליעדער.

באלד ביי אונזער ערשטען מיטינג וואו מיר האָבען זיך קאָנסטיטואירט אלס אן עקזעקוטיווע, האָבען מיר גוט געהייסען דעם בעריכט פון דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע אויפצונעהמען א קעמפיין פאר נייע 10 טויזענד מיטגליעדער אין אָרב. רינג.

דעם אמת זאָגענדיג האָבען מיר קיין מאָל ניט ערווארטעט, אז דער קעמפיין דיעזען יאָהר זאָל ברייגגען די רעזולטאַטען וואס דער קעמפיין פון לעצטען יאָהר האָט געבראכט. לעצטען יאהר איז דער נעט צוואוואוקס אין מעמבערס געוועזען אריי בער 9 טויזענד, און עס פערשטעהט זיך אז אזא צוואוואוקס האָ־ בען מיר דיעזען יאהר זיכער ניט געקענט ערווארטען. מיר האָ־ בען געפיהלט, און דעם אמת זאָגענדיג, זיך גאַנץ שטאַרק גע־ שראָקען, אז מיט דעם אָנקומען פון דער שווערער צייט וועלכע מיר לעבען יעצט דורך, וועט דער וואוקס פון מעמבערס זיך אין גאַנצען אבשטעלען, און אויסער דעם וואס קיין נייע מעמבערס וועלען ניט אריינקומען, וועלען אויך די צאָהל פון געשטראָכענע מעמבערס זיך פערגרעסערען און מיר וועלען ליידען פון א גרוי־ סען פערלוסט אין מעמבערס.

אום צו קענען אָנהאלטען אונזערע רייהען גאַנץ, און פער־ פעסטיגען זיי אזוי שטאַרק אז דער דרוק פון דער יעצטיגער שווערער צייט זאָל זיך ניט אזוי שטאַרק פיהלען, איז נויטיג געוועזען צו ערמוטהיגען אונזערע ברענטשעס און מעמבערס און וועקען זיי צו מעהר ענערגיישער טהעטיגקייט. און דאָס איז געטהאָן געווארען דורך דעם קעמפיין פאר נייע 10 טויזענד מעמבערס וואס מיר האָבען אָנגעפיהרט און פיהרען נאָך אָן יעצט, ווען דיזע ציילען ווערען געשריבען.

וועגען די רעזולטאַטען פון דיזען קעמפיין און די ארט און ווייזע ווי אזוי אונזערע סיטי, דיסטריקט קאָמיטעס און ברענ־ טשעס בעטהייליגען זיך אין דעם וועט די ארגאניזאציאָנס קאָ־ מיטע, אונטער וועמעס אויפזיכט דיזער קעמפיין ווערט געפיהרט אייך וואהרשיינליך בעריכטען אין מעהרערע איינצעלהייטען, וואס מיר וועלען צוגעבען איז פאלגענדעס:

אבוואהל, ווי געזאָגט, קיין גאַנץ גרויסע רעזולטאַטען פון דיזען קעמפיין האָט מען אונטער די איצטיגע אומשטענדען נ ט געקענט ערווארטען. דער אימיגראציאָנס שטראָם, פון וואָ־ נען מיר ציהען אונזער יניקה, האָט זיך פאר די לעצטע עטליכע יאָהר אין גאַנצען אָבגעשטעלט. די יוגענד צו וועלכע דער ארב. רינג אפעלירט אם מייסטען געפינט זיך איצט אין אזא גע־ מיטהס צושטאַנד, אז עס ליגט איהם איבערהויפּט ניט אין זינען זיך צו פערבינדען מיט אירגענד וועלכע ארגאַניזאציאָן. דאָך קענען מיר מיט פערגעניגען זאגען, דאָס ניט קו ענדיג אויף די אויבענדערמאָנטע איבלען, איז דיזער מעמבערשיפּ קעמפּיין געוועזען דער גרעסטער ערפאָלג אונטער די אומ־ שטענדען. און אויב דיעזער קעמפּיין האָט אפילו ניט פער־ גרעסערט די צאָהל מעמבערס, האָט ער אבער פיעל בייגעטראָ־ גען צו דעם וואס אונזער פעסטונג איז געבליבען גאַנץ און זי־ כער און איז ניט בעריהרט געווארען פון דער איצטיגער שווע־ רער און ביטערער צייט. מיר שטעהען היינט צו טאג בייּ נאהע מיט דער זעלבער צאָהל מיטגליעדער ווי לעצטען יאהר, און דאָס איז אייגענטליך געוועזען דער הויפט צוועק פון דעם מעמבערשיפּ קעמפּיין דיזען יאהר.

עס פערשאַפט אונז בעזונדערס פערגעניגען צו מעלדען אז אונזערע ברענטשעס און מעמבערס האָבען פערשטאַנען די וויכטיגקייט פון דער אונטערנעהמונג אין דיזען מאָמענט און האָבען געטהאָן דאָס בעסטע וואס זיי האָבען געקענט צו פער־ פעסטיגען און צו פערשטאַרקערען די ארגאניזאציאָן וועלכע איז אונז אלעמען ליעב און טהייער, — און דאמיט האָבען זיי ווי־ דער אמאָל בעוויזען אז דאָרט וואו פראייניגטע קרעפטע, ערנ־ סטער ווילען, און ענערגישע איבערגעבענהייט קאָנצענטרירען זיך צוזאמען, מעג די ארבייט זיין ווי שווער, די אומשטענדען ווי אונגינסטיג, מוזען די רעזולטאַטען זיין ווירקזאם און פרוכט־ באַר.

## געדרעפטעטע מעמבערס, און נייע מעמבערס אין דרעפ־ טינג-אידזש.

צווישען די פיעלע גרויסע און שווערען פראבלעמען וואס די איצטיגע צייט האָט פאר אונז ארויסגערופען און וועלכע קענען אין דיעזען רעפּארט ניט בעריהרט ווערען, האָבען מיר אויך געהאַט צוויי וויכטיגע פראגען צו לעזען, און דאָס איז, ערשטענס, אונטער וואסערע קאָנדיציאָנען מיר זאָלען אריינ־ נעהמען נייע מעמבערס אין דרעפט-עלטער, און צווייטענס וואס מיר קענען טהאָן פאר אונזערע מעמבערס וועלכע זיינען גע־ דרעפטעט געווארען.

נאָך דעם ווי מיר האָבען אָבגעהאלטען אייניגע קאָנפערענ־ צען מיט פערטרעטער פון אנדערע אָרדענס אין בעצוג די אויּ בענדערמאָנטע צוויי פראגען, און זעהענדיג אז מיר קענען מיט זיי צו קיין פערשטענדניס ניט קומען האָבען מיר זיך צוריק־ געצויגען, און נאָך לאנגע בעראטהונגען מיט אונזער ליגעל אד־ ווייזער, זיינען מיר געקומען צום בעשלוס: צו ווענדען זיך צו 25 ברענטשעס פון פערש עדענע סטייטס, לויט קאָנסטיטו־ שאָן, ארויסצושיקען צום רעפערענדום פאלגענדע צוויי פראגען: ערשטענס, וועגען אריינצונעהמען נייע מעמבערס אין דרעפט אידזש, וועלכע האָט זיך געלעזען ווי פאלגט:

1. קאַנדידאַטען פאר מעמבערס אין ארב. רינג אין דעם עלטער פון קאָנסקריפּשאָן, זאָלען אריינגענומען ווערען פאר דער צייט, וואס די מלחמה וועט אָנהאלטען, אלס מעמבערס נור פון קלאס 4, מיט דער פערשטענדניס, אז נאָך דער מלחמה, אָדער אויב זיי ווערען בעפרייט פון מיליטער דיענסט, זאָלען זיי האָבען א רעכט צו טרענספערירען זיך צו א העכערען קלאס, ווען זיי וועלען דורכגעהן א מעדיקאל עזאמינעישאָן.

2. קאַנדידאטען פון קאָנסקריפּשאָן עלטער זאלען קענען אריינגענומען ווערען אין וועלכען קלאס זיי ווילען, נאָר זיי זאָ־ לען דארפען אונטערשרייבען א „ווייווער", אז אין פאל זיי וועּ לען פאלען אין דער מלחמה זאָלען זייערע יורשים זיין בערעכ־ טיגט ניט מעהר, ווי צו 100 דאָלאר טויטען בענעפיט.

און צווייטענס, צו שאפען א פאָנד פון וועלכען עס זאָל געצאָהלט ווערען די דיוס פון די געדרעפטעטע מעמבערס, און עס זאָלען אויך געשטיצט ווערען די ברענטשעס פון די שטעדט וואו עס געפינען זיך קעמפּס, וועלכע גיבען זיך אָפּ צו פערלייכ־ טערען דעם לעבען פון אונזערע געדרעפטעטע מעמבערס דורך

**פערשיעדענע פערווייל‏ונגען און אנדערע אונטערנעהמונגען.** דיזער רעפערענדום האט זיך געלזען ווי פאלגט:

1. עס זאל געשאפען ווערען א ספעציעלער פאנד פון וועלכען דער ארב. רינג זאל צאהלען די דיוס פאר ביז איצט נעדרעפטעטע מעמבערס, ווי אויך פאר די, וועלכע וועלען זיין נעדרעפטעט און זיינען מעמבערס פון ארב. רינג ניט וועניגער ווי 6 מאנאטען. דיזער פאנד זאל אויך בענוצט ווערען פאר אנדערע צוועקען, פערבונדען מיט העלפען די נעדרעפטעטע מעמבערס.

2. דער ספעשעל טעקס זאל זיין פער קווארטאל פער מעמבער 15 סענט.

3. דער ספעשעל טעקס זאל זיין פער קווארטאל פער מעמבער 10 סענט.

די מאטיוועו פאר די אויבענדערמאנטע צוויי בעשליסע האבען מיר אנגעגעבען אין די צושריפטען וועלכע זיינען ארויסגעשיקט געווארען צוזאמען מיט די רעפערענדומס און עס איז ניט נויטיג נאך אמאל זיי צו ווידערהאלען.

מיר ווילען בלויז קאנסטאטירען דעם פאקט אז אויך אין דיעזע צוויי פראגען האבען א גרויסע צאהל פון אונזערע מעמבערס זיך בעטהייליגט, און מיט א גרויסער מאיאריטעט איז דורכגעגאנגען אז נייע מעמבערס אין דרעפט אײדזש זאלען אריינגענומען ווערען בלויז אין פערטען קלאס, — און עס זאל געשאפען ווערען א פאנד, דורך א 10 סענטיגען טעקס, צו צאהלען די דיוס פון אונזערע נעדרעפטעטע מעמבערס.

## רעפערענדומס.

אויסער די צוויי אויבענדערמאנטע רעפערענדומס האבען מיר אין פערלויף פון יאהר ארויסגעשיקט פאלגענדע פראגען צור אבשטימונג. די סאניטאריום קאמיטע האט אונז ערקלעהרט, אזוי ווי דער בעשלוס אז מעמבערס זאלען זיין בערעכטיגט צו 9 מאנאטען סאניטאריום טריטמענט אנשטאט זעקס מאנאטען, איז אריין אין קראפט אזוי שנעל ווי דער קאנווענשאן רעפערענדום איז געשלאסען געווארען, אונגעפעהר ענדע דזשולײ, וועהרענד דער עקסטרא 5 סענטיגער טעקס פאר דעם אויפהאלטונגס פאנד דארף לויט אונזערע פיהרונגען ערשט אריין אין קראפט אין מאנאט יאנואר, פאלגליך וועט דער אונטערשיעד פון די 5 מאנאטען מאכען א גרויסען דעפיציט אין דעם פאנד, און זיי האבען פערלאנגט מיר זאלען דורך א רעפערענדום אנפרעגען די מעמבערס, אויב דער בעשלוס פון דעם 5 סענטיגען טעקס זאל זיך אנפאנגען צוזאמען מיט דעם בעשלוס פון די 9 מאנאטען סאניטאריום טריטמענט. זייער פערלאנג איז בעוויליגט געווארען און די מעמבערס האבען מיט א גרויסער מאיאריטעט בעשטעטיגט אז דער קאנווענשאן בעשלוס פון 5 סענטיגען טע ס דארף געצאהלט ווערען באלד נאך דער רעפערענדום אבשטימונג.

א חוץ די רעפערענדומס פאר וואהלען צו דער נאציאנאלער באארד אף דירעקטארס, האבען מיר אויך אויף דעם פערלאנג פון דער עדיוק. קאמיטע אינדאסירט א לאקאלען רעפערענדום פון גרייטער ניו יארק ברענטשעס, פאר א טעקס פון 5 אדער 3 סענט פאר אידישע סאציאליסטישע שוהלען.

## סעקרעטערע און אפיס אנגעשטעלטע.

די פראגע וועגען די ערוועהלונג פון א סעקרעטער און די אנשטעלונג פון אלע אנדערע אפיס בעאמטע, וועלכע פלעגט אמאליגע יאהרען אזוי פאפולער זיין, איז ביי אונז געלעזט געווארען אויף א שטילען און פרידליכען אופן. מיר האבען ווידער אמאל ערוועהלט גען. י. באסקין אלס סעקרעטער, און אבוואהל ביי דער וואהל זיינען ניט אלע געוועזען איינפערשטאנען מיט גען. באסקין אלס סעקרעטער, דאך ווען א מאיאריטעט מיטגליעדער פון דער עקז. קאמיטע האבען פאר איהם געשטימט, האבען זאגאר זיינע געגנער איהם גראטולירט און פערשפראכען צו ארבייטען מיט איהם פריינדליך און הארמאניש. ס'איז כדאי צו בעמערקען אז דיזער פערשפרעכען איז הייליג דורכגעפיהרט געווארען. דער סעקרעטער און אלע דעפארטמענט קאמיטעס פון דער עקז. ארבייטען צוזאמען מיט די פריינדליכסטע בע[...] ציהונגען פאר די בעסטע אינטערעסען פון ארב. רינג.

מיר האבען אויך ווידערערוועהלט גענ. פ. גליעבטע[...] אלס רעקארדינג סעקרעטער און אויך אלע אלטע אפיס א[...] געשטעלטע.

## ניישאנאל באארד אף דירעקטארס.

אין קורצען ווילען מיר בעריכטען, אז די נאציאנאל[...] באארד אף דירעקטארס איז היינט־גען יאהר צוזאמענגעשטעל[...] מיט דער אויסנאהמע פון איינעם, פון גאנץ נייע מענשע[...] לויט דעם איינדרוק וואס מיר האבען געקראגען פון זיי[...] ערשטען צוזאמענפאהר, שיינט אונז אז דאס זיינען מענש[...] וועלכע זיינען א טיוו אין דער אלגעמיינער ארבייטער בעוו[...] נונג, פערשטעהען און בעגרייפען אונזער ארגאניזאציאן, א[...] האבען ניט אין זייער אבזיכט צו זוכען גלאט פעהלערען א[...] פערגרעסערן שטרייטיגקייטען, נאר אויף א פריינדליכען או[...] אויפמערקזאם מאכען און העלפען טהאן קאנסטרוקטיווע אר[...] בייט. עס איז אונזער ערנסטע מיינונג אז זייער ארבייט א[...] פערלויף פון די נעקסטע צוויי יאהר וואס זיי וועלען זיין א[...] אמט, וועט פיעל מיטווירקען פאר דעם פראגרעס פון [...] רינג.

## הארמאני אין דער פערוואלטונג.

אבוואהל די פארמע פון אונזער איצטיגער פערוואלטונ[...] איז אזוי קאמפליצירט, האבענדיג 6 קאמיטעען, וועמעס בע[...] שליסע דארפען גוט געהייסען ווערען ביי די אלגעמיינע מי[...] טינגען פון דער נאצ. עקז. קאמיטע, וועלכע בעשטעהט פ[...] גאנצע 30 פערזאן, און אונטער אזעלכע אומשטענדען מוז[...] ניט ווילענדיג מאנכעס מאל ארויסקומען מיספערשטענדניס[...] און צוויסטיגקייטען, דאך קענען מיר זאגען אז דעם גאנצע[...] יאהר האט די עקזע[קוטיוו] געארבייט זעהר הארמאניש. עס אי[...] אמת אז אין פיעלע פראגען זיינען פארגעקומען מיינונגס פער[...] שיעדענהייטען און זעהר אפט זיינען די דיסקוסיאנען געפיהר[...] געווארען אין זעהר א ווארימען טאן, אבער די גרויסע פעראנט[...] ווארטליכקייט וואס איז אונז פערטרויט געווארען צו פיהרען ד[...] געשעפטען פון אזא גרויסער ארגאניזאציאן, האבען אונז גע[...] האלטען אין די ראהמען פון טאלעראנץ און רעספעקט, א[...] האט אונז אויך געפיהרט צו דעם וואס אלע אונזערע פער[...] האנדלונגען זיינען געוועזען דורכגעוועבט מיט דעם אמת ער[...] סטען גייסט פון הארמאניע און איבערגעבענהייט.

דער פאקט אז פון אלע 30 מיטגליעדער וואס זיינען לע[...] טען יאהר ערוועהלט געווארען אין דער עקזעקוטיווע, האט[...] בלויז איינער רעזיגנירט צוליעב דעם וואס ער האט געמוז[...] פערלאזען ניו יארק — כאראקטעריזירט אם בעסטען די פער[...] וואלטונג פון היינטיגען יאהר.

## די בעציהונגען פון די ברענטשעס און מעמבערס פון אר[...] בייטער רינג צו דער פערוואלטונג.

מיר ווילען אויך אנדייטען אז די ברענטשעס, ווי א[...] די מיטגליעדער אין אלגעמיין האבען זיך זעהר פריינדליך א[...] מיט גרויס רעספעקט בעצויגען צו אונזערע אלע בעשליסע, א[...] זיך זעהר וואריס אבגערופען אויף יעדען רוף און אפילו וואס[...] מיר האבען ארויסגעשיקט. עס האט זיך כמעט דעם גאנצ[...] יאהר געפיהלט אן אמת הארמאנישער גייסט צווישען די מיט[...] גליעדער פון ארב. רינג צו דער פערוואלטונג.

עס איז אמת אז פון צייט צו צייט האבען איינינע מעמ[...] בערס פון געוויסע ברענטשעס פרובירט אריינצוברענגען או[...] אין אזא לאגע אז מיר זאלען זיך דארפען אומקעהרען צו דע[...] אמאליגער צייט ווען עס האט געהערשט קריעג און צוויסטי[...] קייטען, מיר האבען אבער הייליג אבגעהיט אונזער מאטא [...] צו האלטען דעם ארב. רינג ריין פון אינטריגען וועלכער מחלוקו[...] און צאנק ערייען.

...איינינגע אטאקעס, וועלכע האָבען אונז זאגאר פּערזענליך ...געגריפען און עס האָט זיך זעהר שטארק געוואלט ענטפערען, ...בען מיר אָבער אונזערע אייגענע געפיהלען אונטערדריקט, און ...נעם ניט געוואלט געבען די געלעגענהייט פאר א נייעם ברו־ ...ר קריעג אין אונזערע רייהען.

## דער פינאַנציעלער צושטאַנד פון ארבייטער רינג.

וועגען דעם פינאַנציעלען צושטאנד פון ארב. רינג וועט ...הר געפינען א גענויעם בעריכט מיט אלע איינצעלהייטען ...ן דעם רעפּאָרט פון דער אפיס קאָמיטע, און אויך פון די ...רשיעדענע טאבעלען וואס זיי האָבען אייך צוגעשטעלט, וואס ...ר האָבען צו זאגען איז פאלגענדעס:

...ערשטענס, איז דער פערמעגען פון ארב. רינג אין אלגע־ ...ין דיזען יאהר זעהר שטארק געוואקסען. צווייטענס, און ...ס איז הויפּטזעכליך צו וואס מיר ווילען ציהען אייער ...פמערקזאמקייט, איז: אז מיר קומען צו דיזען קאָנווענשאָן ...ט סורפּלוסען אין אלע אונזערע פאָנדס, מיט דער איינציגער ...סנאהמע וואס דער פאָנד פון דער עדיוקיישאָנאל קאָמיטע ...ט א קליינעם רעפיציט, וועלכער איז אויך ניט געמאכט ...וארען דיזען יאהר נאָר עס ציהט זיך שוין פון עטליכע ...הרען.

מיר האָבען זיך זעהר שטארק אנגעשטרענגט אז קיינע ...סגאבען זאלען ניט געמאכט ווערען אריבער די בודזשעטען ...לכע ווערען אָנגענומען ביים קאָנווענשאָן און רעפערענדום.

---

# געזעלשאַפטליכע טהעטיגקייט.

---

## מלחמה קרבנות.

ווי איהר ווייסט, האָט דער ארב. רינג יערען יאָהר אין ...נאַט פעברואר א יום־טוב אין וועלכען אלע ברענטשעס אי־ ...ן גאנצען לאנד פייערען די ערעפענונג פון סאנאטאריום. ...ער יום טוב ווערט שוין געפייערט פאר די לעצטע אכט ...הר. די פּראָפיטען וואס דיעזע אונטערנעהמונגען פלעגען ...יינברענגען זיינען אלע מאָל איבערגעגעבען געווארען צום ...נאטאריום אויפהאלטונגס פאָנד.

און ווי איהר ווייסט אויך האָט דער ארב. רינג יערען יאהר ...ט די מלחמה האָט זיך אָנגעפאנגען געזוכט וועגען און מיט־ ... צו שאפען פינאַנציעלע הילפע פאר אונזערע שוועסטער ... ברידער אויף יענער זייט ים. איין יאהר איז דאָס געוועזען ...ך א ספּעציעלען טעקס, דעם צווייטען יאהר דורך א טעג־ ... איבערן גאנצען לאנד.

מיר האָבען געפיהלט אז אויך דיזען יאהר מוז עטוואס גע־ ...אָן ווערען פאר די מלחמה קרבנות, ספעציעל ווען ס'איז דאָ ... לאנד אָנגעפיהרט געווארען אזא שטארקער קעמפּיין פאר ...צעהן מיליאן דאָלאר פאָנד, און מיר האָבען בעשלאָסען צו ...פען די סומע פון פינף און צוואנציג טויזענד דאָלאר. די ...זגע איז בלויז געוועזען דורך וועלכע מיטלען קען אזא סומע ...זאפען ווערען. מיר זיינען געוועזען מיט דער מיינונג, אז אום ...אונטערנעהמונג זאל זיין אַן ערפאלג מוזען מיר אָנווענדען ...ין נייע מיטלען, און דערפאר האָבען מיר בעשלאָסען צו ...וואנדלען דעם סאנאטאריום יום־טוב אין א רחמנות טאָג ... אונזערע מלחמה קרבנות.

עס איז ווירקליך זעהר ערפרעהענד ווי ווארים און איבער־ ...עבען אונזערע ברענטשעס און מעמבערס האָבען דיעזען גע־ ...ה אויפגענומען, כמעט אין אלע שטעדט און שטעדטלעך ... מיר האָבען ברענטשעס, זיינען ארגאנזירט געווארען אונ־ ...נעהמונגען און קאָלעקשאָנס צווישען די מיטגליעדער און ...ען בייגעשטייערט פון זייערע טרעזשורים. ניויארק האָט דיזען ... טוב געפייערט דורך צוויי גרויסע טהעאטער אונטערנעה־ ...ען, וועלכע זיינען ערפאָלגרייך דורכגעפיהרט געווארען.

ווען דיזער רעפּארט ווערט געשריבען האָבען מיר שוין ...אָפּיס ארום אכצעהן טויזענד דאָלאר. עס איז קיין צוויי־ ...ניט, אז אונזער קעמפּיין פאר פינף און צוואנציג טויזענד ...אר וועט פערווירקליכט ווערען.

וואָלט די צייט איצט אין לאנד ניט געווען אזוי שלעכט, וואלט א נזער אפיעל פאר פינף און צוואנציג טויזענד דאָלאר זיכער פערצווייפאכט געווארען.

---

# אפּיעלס.

---

## דער סאציאליסטישער קעמפּיין.

א גאנץ גרויסען חלק האָט דער ארב. רינג אין דעם זיעג וואס די סאציאליסטישע פּארטיי האָט געהאט אין די לעצטע וואהלען אין גרייטער ניו יארק. א חוץ וואס כמעט אלע מיט־ גליערער פון דער פערוואלטונג זיינען געווען זעהר אקטיוו אין דעם סאציאליסטישען וואהל קאמפּף, איז פון א רזשאָינט מי־ טינג פון דער נאציאנאלער עקז. קאָמ. און די נאציאנאלע באארד אף דירעקטאָרס, ארויסגעשיקט געווארען א צושריפט צו אלע ברענטשעס פאר פינאנציעלע שטיצע. אלע ברענטשעס אי־ בערן גאנצען לאנד האָבען זיך אויף דיזען אפּיעל זעהר ווארים אָבגערופען און ס'איז אריינגעקומען גרויסע סומען געלד. פיע־ לע שטערט און שטעדטלעך האָבען געמאכט ספּעציעלע אונ־ טערנעהמונגען און הויז־צו־הויז קאָלעקשאָנס צו העלפען דעם סאציאליסטישען קעמפּיין. דער לעצטער קעמפּיין האָט נאָכ־ אמאָל בעוויזען אז די ברייטע מעמבערשיפּ פון ארב. רינג איז דורכגעדרונגען מיט דעם סאציאליסטישען גייסט

## סאן פראנציסקא מאַרטירער.

אין דער בעוועגונג צו בעפרייען די פינף סאן־פראנציס־ קאָ'ער מארטירער פון די נעגעל פון דער קאפּיטאליסטישער מאכט, האָט דער ארב. רינג אן אקטיווען אנטהייל גענומען. אוי־ סער דעם וואס די נאצ. עקז. קאָמיטע האָט זיך דירעקט בע־ טהייליגט אין א קאָנפערענץ וואס איז צוזאמענגעשטעלט גע־ ווארען פון ארבייטער און סאציאליסטישע ארגאניזאציאנען פאר דעם צוועק צו וועקען די עפענטליכע מיינונג פאר די אוי־ בענדערמאָנטע מארטירער, האָבען מיר אויך ארויסגעשיקט אַן אפּיעל צו אונזערע ברענטשעס פאר פינאנציעלע מיטלען און אויך דיעזען אפּיעל האָבען אונזערע ברענטשעס זעהר ווארים געשטיצט.

דער ארבייטער רינג האָט אויך גענומען א גרויסען אנ־ טהייל אין דער בעוועגונג ניט צו צולאָזען די אויסליפערונג פון אלעקסאנדער בערקמאן פון ניו יארק נאָך סאן פראנציס־ קא און פערבונדען איהם מיט דער פערשווערונג וואס איז גע־ מאכט געווארען אין סאן פראנציסקא אויף דער ארבייטער בע־ וועגונג. פּראטעסט טעלעגראמען זיינען פון אונז געשיקט גע־ ווארען צו די גאָווערנאָרס פון ניו יארק און קאליפארניא. מיר זיינען אויך געווען פערטראטען ביי א הירינג אין אָלבאני וואס דער גאווערנאָר פון ניו יארק סטייט האָט איינגערופען אין פערבינדונג מיט גענאָסע בערקמאן'ס אויסליפערונג.

מיר האָבען אויך אינדאָסירט מעהרערע אפּיעלס וועלכע האָבען געטראגען דעם כאראקטער פון שאפען פאָנדס צו העל־ פען סטרייקס און בעפרייען ארבייטער פיהרער. מיר קענען מיט רעכט זאגען אז אלע אונזערע אפּיעלס האָבען געוואונען א ווארימען אָבקלאנג אין די הערצער פון אונזערע מעמבערס.

## קארל מארקס יובילעאום.

די נאציאנאלע עקז. קאָמ. פון ארב. רינג איז אויך איינע פון די איניציאטאָרס אין דער בעוועגונג צו פייערען דעם הונ־ דערט יעהריגע געבורטסטאג פון אונזער גרויסען לעהרער און פּארקעמפּפער — קארל מארקס. אין דער צייט ווען דיעזער רעפּארט ווערט געשריבען, ארגאנזירען אונזערע ברענטשעס איבערן גאנצען לאנד פּאסענדע אונטערנעהמונגען צו פייערען דיעזען יובילעאום. אין ניו יארק וועט דיעזער יום טוב גע־ פייערט ווערען דורך א ריעזען מאס־מיטינג און קאָנצערט אין גרויסען קארנעגי־האָל, צו דיזער געלעגענהייט גיבען מיר ארויס צוזאמען מיט דער אידישער סאציאליסטישער פעדעראציאן א פּאסענדען בוך וואס וועט ענטהאלטען די ביאגראפיע, לע־ בען און טהעטיגקייט פון אונזער אונשטערבליכען קארל מארקס.

## פובליסיטי.

איינע פון אונזערע הויפט אויפגאבען איז געווען: צו מאַכען דעם ארב. רינג פּאָפּולער צווישען די ברייטע אידישע ארבייטער מאַסען. צו פערדאנקען דער סאציאליסטישער פּרעסע די „קאָלל", „פרייע ארבייטער שטימע", „די וועלט" (שיקאגאָ) און ספּעציעל דעם „פאָרווערטס", איז אונז ווירקליך די אונטערנעהמונג געלונגען. כמעט יעדען טאָג אין יאהר איז אין די קאָלומס פון „פּארווערטס" עטוואס געזאָגט געווארען וועגען ארבייטער רינג. אויף יעדע ערשיינונג אין דער ארבייטער בעוועגונג און אויף דער אידישער גאס אין אלגעמיין, האָט זיך דער ארבייטער רינג אָבגערופען און דורך דער סאציאליסטישער פּרעסע זיין שטעלונג ארויסגעזאגט. מיר האָבען פאר דיעזען צוועק ערוועהלט א ספּעציעלע קאָמיטע פון 3 וועלכע זאל זיך אָבגעבען מיט פובליסיטי פראגען. פון צייט צו צייט איז אין „פּארווערטס" ערשיענען גרויסע ארטיקלען איבער דער פּיעלפּאכיגער טהעטיגקייט פון ארבייטער רינג. פון צייט צו צייט איז אויך אין די טרייד יוניאניסטישע אויסגאבען ערשיענען ארטיקלען וועגען ארבייטער רינג.

## שלום.

פריינדע, שליסענדיג דיזען רעפּארט ווילען מיר אייך נאָך אמאָל בעמערקען, אז ניט ו.גען אלע פראגען מיט וועלכע ד נאַציאנאלע עקזעקוטיוו קאָמיטע האָט זיך דיעזען יאהר בעשעפ טיגט, קענען מיר אונטער די איצטיגע אומשטענדען בע ריכטען. מיר ווילען אייך אָבער אין קורצען נאָכאמאָל זאגען אז אויף יעדע פּאסירונג און ערשיינונג אין דער ארבייטער בע וועגונג, אדער אין דער אידישער גאַס, האָבען מיר זיך אלס א סאציאליסטישער אידישער ארדען אָבגערופען. און אויף אונזער איניציאטיווע זיינען פיעלע אונטערנעהמונגען געשאפען גע ווארען.

מיר זיינען בערייט אויסצוהערען ארענטליכע קריטיק אי בער אונזער ארבייט, פעהלערען קענען געמאכט ווערען. מיר פערלאנגען אָבער אז איהר זאלט זיך ערנסט פערטראכטען אי בער אונזער רעפּארט און איהר וועט זיכער קומען צום שלוס אז מיר האָבען געטהאָן אלעס מעגליכע אום צו מאכען דעם אר בייטער רינג שעהנער, גרעסער און איינפלוסרייכער.

דאנקענדיג אייך פאר דעם צוטרויען וואס איהר האָט אונ געשאָנקען, בעגריסען מיר אייך צו אונזער 18טע יעהרליכ קאָנווענשאָן.

**נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו קאָמיטע א. ר.**

# רעפּארט פון ארגאניזאציאנס קאָמיטע

א. דינערשטיין, טשערמאַן.
אב. עפשטיין, ב. וואָלאָוויץ, מ. גערשאָנאָוו, י. א. סילווערמאַן

**צו די דעלעגאטען פון דער 18טער קאָנווענשאָן און צו אלע מעמבערס פון ארבייטער רינג.**

ווען מיר זיינען אריין אין אמט דיזען יאהר האָבען מיר צו אלעם ערשט בעטראכט די פראגע וואסערע מיטלען עס קענען אָנגענומען ווערען אז אונזער מעמבערשיפּ זאל אין פערלויף פון דעם אוננאָרמאלען יאָהר אין וועלכען עס וועט אונז אויסקומען צו ארבייטען, אויב ניט פערגרעסערט ווערען, אם ווענינגסטענס ניט פערקלענערט ווערען. אונזער ערשטער רוף צו די ברענטשעס און די מעמבערס איבער'ן לאנד איז דארום געווען צו שאפען 10,000 נייע מעמבערס. מיר האָבען אָנגעווענדעט אלע קרעפטען אָנצוהאלטען די געווינסען פון לעצטען יאהר און פערשטארקען די ארגאניזאציאנס טהעטיגקייט און צו מאכען אונזער ארבייטער רינג גרעסער, שטארקער און איינפלוסרייכער. מיר גלויבען, אז די ארדנונג און פריינדליכע בעציהונג, וואס הערשט יעצט צווישען די ברענטשעס, איז ניט ווייניג צו פערדאנקען די ערנסטע און אינטענסיווע ארגאניזאציאנס ארבייט, וואס איז אין פערלויף פון יאהר אָנגעפיהרט געווארען.

## דער קאמפּיין פאר 10,000 נייע מעמבערס.

א קורצע צייט נאָכדעם ווי מיר זיינען אינסטאָלירט געווארען האָבען מיר בעשטימט דורכצופיהרען דעם בעשלוס פון דער לעצטער קאָנווענשאָן וועגען אָנפיהרען א נייעם מעמבערשיפּ קעמפּיין. מיר האָבען זיך גלייך געשטעלט אין דירעקטע פערבינדונג מיט די ברענטשעס און געזעצט די גאנצע מאַשינערי פון ארבייטער רינג אין דער ארבייט פאר שאפען דיעזע צאָהל מיטגליעדער. מיר האָבען געוואוסט און געפיהלט, אז די צייט איז א שווערע. מיר האָבען געוואוסט און געפיהלט, אז עס וועט פיליכט זיין אונמעגליך דיזען פלאן פון שאפען 10,000 נייע מעמבערס צו פערווירקליכען. מיר האָבען אָבע געוואלט אז יעדער שרייפּעלע פון אונזער גרויסער און מעכטי גער מאשין זאל אָנגעווענדעט ווערען, אז אונזער מיטגליעדער שאפט זאל דיעזען יאהר אם ווענינגסטענס ניט פערקלענערט ווערען. מיר האָבען געוואלט — און דאָס איז אונז אין א גרויסען מאָס געלונגען — אז אלע אונזערע ברענטשעס או סיטי און דיסטריקט קאָמיטעען פון ארבייטער רינג זאלען אי דיזער וויכטיגער ארבייט פעראינטערעסירט ווערען. מיר הא בען פאר דיזען צוועק אויסגענוצט די פּרעסע אויף וויפיעל דאָס איז געווען מעגליך אונטער די אומשטענדען.

אונזער קאמפּיין האָט א סך געשטערט דאָס, וואס די ברענטשעס האָבען ניט געוואוסט וואס צו טהאָן אין בעצו אריינגעהמען נייע מעמבערס אין דרעפט עלטער. און יונגע לייט אין דיזען עלטער זיינען מעהסטענס דער עלעמענט, וואס ווערט געוועהנליך אריינגענומען אלס נייע מעמבערס אין אונ זער ארדען. עס האָט גענומען א געוויסע צייט ביז די נאצ עקזעקוטיוו קאָמיטע האָט געקענט נעהמען א בעשטימטע בעשלוס וועגען דער פראגע פון אריינגעהמען נייע מעמבערס אין דרעפט עלטער. און פערשטענדליך, אז עס האָט אויך גע נומען צייט ביז עס איז אָנגענומען געווארען דער רעפערענדום וועגען דעם, אז נייע מיטגליעדער אין דיזען עלטער זאלען אריינ גענומען ווערען אלס 4טע קלאס מעמבערס. דאָס אליין אי אָבער ניט געווען די הויפּט שטערונג. אין פיעלע פּלעצער זיינען די טהעטיגסטע און טיכטיגסטע טהוער פון אונזערע ברענטשעס אליין געדרעפטעט געווארען, און דאָס האָט גע וויסער מאסען פאראליזירט די וויטערדיגע טעטיגקייט פא ארגאניזאציאנס ארבייט אין יענע פּלעצער.

מיר האָבען בעשלאָסען צו פּרעזענטירען מיט א פּאונטיי פען יעדען מעמבער, וואס וועט פארשלאָגען פינף נייע מיט גליעדער. מיר קענען נאָך ניט זאגען גענוי וויפיעל פּאונטיי

...נס עס וועלען צוטיילט ווערען, ווייל דער קעמפּיין וועט ...אַקטיש, לויט אונזער דוּף, אָנגעפיהרט ווערען ביז צום קאָנ־ ...ענשאָן. הויפּטזעכליך די לעצטע צייט האָבען אָנגעפאַנגען ...איינצוקומען מעהר פּרעהליכע רעפּאָרטס פון סיטי און דיס־ ...טריקט קאָמיטעען איבערן לאַנד, ווי אויך פון איינצעלנע ברענ־ ...טשעס, אין בעצוג זייער טהעטיגקייט וועגען אדיינגעהמען נייע

אין איניגע פּלעצער האָבען די סיטי און דיסטריקט קאָ־ מיטעס זיך פּערפליכטעט אדיינצונעהמען צו טויזענד נייע מעמבערס. די שיקאַגאָ דיסטריקט קאָמיטע טהוט זעהר גו־ טע אַרבייט אין בעצוג אריינגעהמען נייע מיטגליעדער. דאָס דאָס זעלבע קען געזאָגט ווערען וועגען באַלטימאָר, פילאַדעלפיא, קליוולאַנד, באָפעלאָ, דעטראָיט, ניו הייווען, און אַנדערע שטעט.

## דער צואוואוקס אָדער פערלוסט פון ברענטשעס און מעמבערס פון יעדען סטייט פאַר'ן יאָהר 1917.

| סטייטס | ברענטשעס: צאָהל אָנפאַנג יאָהר | ברענטשעס: צאָהל ענדע יאָהר | ברענטשעס: צואוואוקס | ברענטשעס: פערלוסט | מעמבערשיפּ: צאָהל אָנפאַנג יאָהר | מעמבערשיפּ: צאָהל ענדע יאָהר | צואוואוקס: צאָהל | צואוואוקס: % | פערלוסט: צאָהל | פערלוסט: % | נייע מעמבערס: צאָהל | נייע מעמבערס: % | געשטראָכענע מעמבערס: צאָהל | געשטראָכענע מעמבערס: % |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| אָהייאָ | 14 | 14 | — | — | 1115 | 1256 | 141 | 12.3 | — | — | 229 | 20.7 | 143 | 12.9 |
| אייאָווא | 2 | 2 | — | — | 118 | 110 | —— | — | 8 | 6.8 | 16 | 13.5 | 26 | 32.0 |
| אילינאָיז | 47 | 45 | — | 2 | 3396 | 3624 | 228 | 6.7 | — | — | 821 | 24.2 | 659 | 19.4 |
| אינדיאַנא | 4 | 2 | — | 2 | 186 | 161 | —— | — | 25 | 13.4 | 32 | 17.2 | 46 | 24.7 |
| אַלאַבאַמאַ | 1 | 1 | — | — | 24 | 28 | 4 | 16.8 | — | — | 3 | 12.5 | 1 | 4.2 |
| אָרעגאָן | 1 | 1 | — | — | 39 | 39 | —— | — | — | — | 4 | 10.2 | 2 | 5.1 |
| דזשאָרדזשיע | 3 | 3 | — | — | 155 | 172 | 17 | 11.0 | — | — | 33 | 21.3 | 15 | 10.3 |
| דיסט. אָוו קאָלומביע | 3 | 2 | — | 1 | 304 | 335 | 31 | 10.2 | — | — | 62 | 20.4 | 37 | 12.2 |
| דעלעווער | 1 | 1 | — | — | 158 | 200 | 42 | 26.6 | — | — | 54 | 34.2 | 19 | 12.0 |
| וואַשינגטאָן | 1 | 1 | — | — | 99 | 100 | 1 | 1.0 | — | — | 5 | 5.0 | 9 | 9.1 |
| ווירדזשיניע | 7 | 7 | — | — | 419 | 435 | 16 | 3.9 | — | — | 81 | 19.8 | 60 | 10.2 |
| וועסט ווירדזשיניע | 1 | 1 | — | — | 25 | 21 | —— | — | 4 | 16.0 | 4 | 16.0 | 4 | 16.0 |
| וויסקאָנסין | 8 | 9 | 1 | — | 584 | 616 | 32 | 5.5 | — | — | 120 | 20.5 | 85 | 14.5 |
| טענעסי | 3 | 2 | — | 1 | 182 | 181 | —— | — | 1 | .5 | 34 | 18.6 | 13 | 7.1 |
| טעקסעס | 6 | 6 | — | — | 239 | 226 | —— | — | 13 | 5.4 | 36 | 15.0 | 49 | 20.5 |
| יוטאה | 1 | 1 | — | — | 36 | 33 | —— | — | 3 | 8.3 | 3 | 8.3 | 5 | 15.6 |
| לואיזיאַנא | 1 | 1 | — | — | 46 | 46 | —— | — | — | — | 5 | 10.8 | 8 | 17.4 |
| מיזורי | 8 | 8 | — | — | 537 | 532 | —— | — | 5 | .9 | 102 | 19.0 | 98 | 18.2 |
| מינעסאָטא | 7 | 7 | — | — | 380 | 382 | 2 | .5 | — | — | 88 | 23.2 | 78 | 20.5 |
| מישיגען | 8 | 12 | 4 | — | 1202 | 1276 | 74 | 6.1 | — | — | 434 | 36.0 | 452 | 37.6 |
| מעין | 6 | 6 | — | — | 255 | 291 | 36 | 14.1 | — | — | 67 | 26.3 | 37 | 14.5 |
| מערילאַנד | 13 | 14 | 1 | — | 1375 | 1543 | 168 | 12.2 | — | — | 386 | 28.0 | 239 | 17.3 |
| ניו דזשערזי | 51 | 52 | 1 | — | 5091 | 5542 | 451 | 8.9 | — | — | 845 | 16.6 | 455 | 8.9 |
| ניו העמפּשייער | 1 | 1 | — | — | 42 | 54 | 12 | 28.6 | — | — | 19 | 45.0 | 8 | 7.1 |
| ניו יאָרק | 260 | 275 | 15 | — | 27765 | 29642 | 1877 | 6.8 | — | — | 4431 | 15.9 | 2962 | 10.7 |
| נאָרט דאַקאָטא | 2 | 1 | — | 1 | 47 | 31 | —— | — | 16 | 34.0 | 9 | 19.1 | 4 | 8.5 |
| נעבראַסקא | 3 | 3 | — | — | 190 | 191 | 1 | .5 | — | — | 33 | 17.4 | 28 | 14.7 |
| פלאָרידא | 1 | 1 | — | — | 49 | 48 | —— | — | 1 | 2.0 | 6 | 12.2 | 5 | 10.2 |
| פּענסילווייניא | 56 | 58 | 2 | — | 5509 | 6016 | 507 | 10.3 | — | — | 1376 | 25.0 | 925 | 16.7 |
| קאַליפאָרניא | 7 | 6 | — | 1 | 529 | 522 | —— | — | 7 | 1.3 | 69 | 13.0 | 60 | 11.4 |
| קענעדע | 19 | 19 | — | — | 923 | 1129 | 206 | 44.6 | — | — | 366 | 39.6 | 172 | 18.6 |
| קאָנעטיקוט | 27 | 30 | 3 | — | 2537 | 2825 | 288 | 11.4 | — | — | 530 | 20.9 | 327 | 13.3 |
| קאָלאָראַדאָ | — | 1 | 1 | — | —— | 73 | 73 | — | — | — | 73 | 100.0 | —— | — |
| קענטאַקי | 2 | 2 | — | — | 75 | 63 | —— | — | 12 | 16.0 | 7 | 9.3 | 14 | 18.6 |
| ראָוד איילענד | 5 | 5 | — | — | 350 | 417 | 67 | 19.1 | — | — | 119 | 34.1 | 44 | 12.5 |
| מעמבערס עט לאַרדזש | — | — | — | — | 1292 | 1340 | 48 | 3.7 | — | — | —— | — | —— | — |
| טאָטאַל | 580 | 600 | 28 | 8 | 55273 | 59500 | 4322 | | 95 | | 10502 | | 7084 | *) |

...עמבערס. מיר קענען ביי דעם יעצטיגען מאָמענט ניט זא־ ...ן בעשטימט וועגען די רעזולטאַטען פון דיזען קאַמפּיין. איינס ...יז אבער זיכער, אז ווען די נייע עקזעקוטיווע וועט אריין ...ין אמט, וועט די מיטגליעדערשאַפט פון ארב. רינג זיין ניט ...לענער ווי לעצטען יאהר. און מיר ערווארטען נאך א בע־ ...יטענדען צואוואוקס.

פּיטסבורג, די שטאָדט וואו מיר וועלען דיזען יאָהר האָבען אונזער קאָנוועניטאָן, האָט זיך פערפליכטעט צו פערדאָבלען איהר מעמבערשיפּ. די ניו יארק סיטי קאָמיטע האָט בעזוכט אלע ניו יאָרק'ער ברענטשעס און אויפגעמונטערט זיי פאר ווייטער־ דיגע טהעטיגקייט. לויט זייער בעריכט טהוען די ניו יאָרקער ברענטשעס אלעס אין זייערע קרעפטען אדיינצונעהמען אזוי־

*) א טייל פון דיזע געשטראָכענע זיינען דערנאָך רעאינסטייטעט געוואָרען.

פיעל נייע מעמבערס וויפיעל עס איז נאָר מעגליך. אויף דעם בערלאנג פון סיטי און דיסטריקט קאָמיטעען זיינען אין פיעלע שטעדט ארגאנזירט געווארען מאסס מיטינגען אין צוזאַמענהאנג מיט דעם מעמבערשיפּ קאמפּיין, און מיר האָבען געשיקט אהין אונזערע פערטרעטער.

ברענטשעס בעזוכט.

די ערפאהרונג האָט געציינט, אז עס איז נויטווענדיג צו בעזוכען די ברענטשעס איבערן לאנד פון צייט צו צייט. א נייער

פּאָלים, לואיוויל, מינעסאָטא, ניופּאָרט, סיראַקיוז, באָפּעלא, ריע, קליוולאנד, קענטאָן, טאָלידאָ, עקראָן, דייטאָן, קאָלומב יאָנגסטאון, גלאָווערסוויל, ראָטשעסטער, נאָרפּאָלק, וואַשי טאָן, פילאדעלפיא, הארטפּאָרד, ניו הייווען, ברידזשפּאָר עלענטאון, ניו בראָנזוויק, פריהאָלד, און נאָך איינינע. מעה סטע פון די שטעדט זיינען בעזוכט געווארען אויף דעם פ לאנג פון די דארטיגע ברענטשעס אדער סיטי און דיסטרי קאָמיטעס.

אין איינינע שטעדט איז אויסגעקומען צו שליכ

## דער צוואוואוקס אָדער פערלוסט פון מעמבערס אין ברענטשעס אין 1917 אין יעדען פון די דיסטריקט קאָמיטעען.

| אויסגאבען פון יעדער דיסט. קאָמיטע. | ברענטשעס. פערלוסט | ברענטשעס. צוואוואוקס | ברענטשעס. ענדע יאָהר | ברענטשעס. אָנפאנג יאָהר | מעמבערשיפּ פערלוסט | מעמבערשיפּ צוואוואוקס | מעמבערשיפּ ענדע יאָהר | מעמבערשיפּ אָנפאנג יאָהר | סיטי און סטייט |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| $7.00 | | 1 | 6 | 5 | — | 88 | 534 | 446 | אָלבאני, נ. י. — — |
| 105.20 | 3 | — | 6 | 9 | 31 | —— | 363 | 394 | באָפּאלא, נ. י. — — |
| 72.10 | —— | 2 | 7 | 5 | — | 59 | 413 | 354 | וועסטשעסטער, נ. י. |
| 624.79 | | 15 | 275 | 260 | | 4594 | 29642 | 27765 | ניו יארק, נ. י. |
| 11.89 | —— | 1 | 4 | 3. | — | 160 | 268 | 108 | סיראקיוז, נ. י. — |
| —— | —— | 2 | 8 | 6 | — | 84 | 345 | 261 | קעטס. מאונט., נ. י. |
| 50.70 | —— | — | 5 | 5 | — | 28 | 782 | 754 | ראָטשעסטער, נ. י. |
| 99.11 | —— | 2 | 10 | 8 | — | 121 | 1003 | 882 | האָדכאָן, נ. דזש. — |
| 125.58 | —— | 6 | 26 | 20 | — | 843 | 2670 | 1827 | נואַרק, נ. דזש. — |
| 53.40 | —— | — | 11 | 11 | — | 181 | 1580 | 1399 | פּעטערסאן, נ. דזש. |
| 47.69 | —— | — | 5 | 5 | — | 67 | 417 | 350 | פּראָווידענס, ר. א. |
| 371.55 | —— | 6 | 45 | 39 | — | 754 | 5012 | 4258 | פילאדעלפיע, פּאַ. — |
| —— | —— | 1 | 8 | 7 | — | 117 | 973 | 856 | פּיטסבורג, פּא. — |
| 6.00 | —— | — | 5 | 5 | — | 46 | 505 | 459 | בּרידזשפּאָרט, קאָנ. |
| 163.86 | —— | 3 | 12 | 9 | — | 145 | 1240 | 1095 | הארטפּאָרד, קאָנג. |
| 3.89 | —— | — | 3 | 3 | — | 37 | 230 | 193 | וואָטערבורי, קאָנ. |
| 84.10 | —— | 3 | 10 | 7 | — | 231 | 850 | 619 | ניו הייווען, קאָנ. |
| 42.46 | 1 | — | 2 | 3 | — | 31 | 335 | 304 | וואשינגטאָן, ד. ק. |
| 69.92 | —— | 4 | 14 | 10 | — | 91 | 1526 | 1435 | דעטראיט, מיש. — |
| 98.10 | —— | — | 8 | 8 | 10 | —— | 574 | 584 | מילוואָקי, וויס. — |
| 141.37 | —— | 3 | 10 | 7 | — | 112 | 492 | 380 | מינעאפּאלים, מינ. |
| 76.56 | —— | — | 6 | 6 | — | 51 | 306 | 255 | מעין דיסטריקט — |
| 41.50 | —— | — | 4 | 4 | — | 19 | 261 | 242 | סט. לואיס, מיזורי |
| 73.86 | —— | 1 | 14 | 13 | — | 168 | 1543 | 1375 | באלטימאר, מד. — |
| 28.20 | —— | 2 | 7 | 5 | — | 63 | 435 | 372 | נאָרפאלק, ווא, ס.ס.ק. |
| 167.10 | 1 | — | 46 | 47 | — | 560 | 3709 | 3149 | שיקאגא, איל. — |
| 17.00 | —— | 2 | 11 | 9 | — | 255 | 842 | 587 | קליוולענד, אָ. — |
| —— | —— | 2 | 4 | 2 | — | 106 | 318 | 212 | קענזעס סיטי, מיז. |
| 56.00 | —— | — | 3 | 3 | 4 | —— | 283 | 287 | וויניפּעג, קענ. — |
| 99.35 | —— | 3 | 9 | 6 | — | 246 | 569 | 323 | טאראנטא, קענ. — |
| —— | 1 | — | 3 | 4 | — | 32 | 180 | 148 | מאָנטרעאל, קענ. — |

מיעניש, וואס קומט זיין א ברענטש אדער אין א פרעמדער שטאָדט, טראָגט אריין אן אויפלעבונג און וועקט די טהוער צו ווייטערדיגע טהעטיגקייט. פאלגענדע שטעדט זיינען בעזוכט געוואָרען: גרענד רעפּידס, סאוטה בענד, קענאָשא, ראסין, מילוואָקי, קענזעס סיטי, שעהבאָגען, מעדיסאָן, סט. פּאָול, מיניאַפּאָלים, סיו סיטי, אָמאהא, לינ קאָלן, סט. דזשאָזעף, אינדיאנא־

סכסוכים אין די ברענטשעס, און צו דער זעלבער צייט אוי אויפמונטערען פאר ארגאניזאציאנס אַרבייט אין הויפּטזע ליך פאר אריינעהמען נייע מעמבערס. די רעזולטאטען זיינע איבעראל געווען גוטע.

די אויבען דערמאָנטע שטעדטע זיינען בעזוכט געווארע פון ברידער, א. דינערשטיין, אב. עפּשטיין, ס. וואָלאָוויץ, ס

נערשאנאוו, י. א. סילווערמאן, ר. זאלצמאן, ר. גוסקין און מ. דייווידאוו. די ברענטשעס אין ניו יארק זיינען בעזוכט געווא־רען פון דער ניו יארקער סיטי ארגאניזאציאנס קאמיטע און אויך פון די מעמבערס פון דער נאצ. ע. זעקוטיווע.

מיר ווילען ביי דיזער געלעגענהייט אויסדריקען אונזער טיעפסטען דאנק צו „פארווערטס", וואס האט אונטער די אומ־שטענדען אבגעגעבען גענוג פלאץ פאר דעם מעמבערשיפ קעמ־פיין ווי אויך פאר אנדערע פראגען, וואס זיינען געווען פער־בונדען מיט ארגאניזאציאנס ארבייט. פר. באסקין, דזשענעראל סעקרעטער, און פר. געליעבטער, רעקארדינג סעקרעטער, האבען אויך בייגעשטייערט זייער חלק צו דער פאבליסיטי פאר דעם מעמבערשיפ קאמפיין.

## אונזערע דיסטריקט קאמיטעס.

די ארבייט פון די סיטי און דיסטריקט קאמיטעס איז דיזען יאהר, אונטער די אננארמאלע אומשטענדען וואס זיי איז אויסגעקומען אנצופיהרען זייער טהעטיגקייט, געווען זעהר א שווערע. זיי זיינען געטריי און איבערגעבען געשטאנען אויף זייערע פאסטען און ניט געזשאלעוועט קיין צייט און מיה צו

פון די ברענטשעס מיט וועלכע זיי שטעהען אין פערבינדונג, נאר עס זאל אויך הערשען צווישען זיי הארמאני און פריינד־שאפט, וועלכע זיינען נויטיג פאר געמיינשאפטליכע ארבייט.

עס וואלט פערנומען צו פיעל פלאץ אויסצורעכענען בע־זונדער די טהעטיגקייט פון יעדער סיטי אדער דיסטריקט קא־מיטע, מיר ווילען אבער זאגען, אז די מעהרסטע פון דיזע קאמיטעס האבען אונז זעהר פיעל געהאלפען און זיינען שטענ־דיג געווען גרייט דורכצופיהרען אונזערע בעשליסע פאר דעם וואהל און בעסטען פון ארב. רינג.

אונזערע ארגאניזאציאנס קאמיטעס האבען זיך פערנו־מען ניט בלויז מיט ארגאניזאציאנס ארבייט, וואס טראגט א ריינעם ארב. רינג כאראקטער, נאר מיר האבען זיי פון צייט צו צייט ערמוטהיגט צו טהאן אלגעמיינע, ברייטע, געזעל־שאפטליכע ארבייט, און אין פיעלע שטעדט זיינען די דיסט־ריקט און סיטי קאמיטעס פון ארב. רינג די איניציאטארס און די טאן געבערס אין יעדע וויכטיגע געזעלשאפטליכע אונ־טערנעהמונג.

אום צו בעקענען גענוי די דיסטריקט און סיטי קאמיטעס

## צאהל אויפגעלעזטע ברענטשעס און אויך ברענטשעס וואס האבען זיך פעראייניגט מיט אנדערע ברענטשעס אין יאהר 1917

| סיטי און סטייט | ברענטש נומער | אין וועלכען קווארטאל אויפגעלייזט. | צאהל מעמבערס. אין בר. ווען אויפגעלייזט | צו אנדערע ברענטשעס | טרענספערירט צו מעמבערס עט לארדזש | געשטראכען | מיט וועלכען דער אויפגעלעזטער האט זיך פער־איייניגט. |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| שיקאגא, איל. | 221 | 66 | 33 | 33 | — | — | 547 |
| " | 335 | 66 | 31 | 31 | — | — | 464 |
| טאראנטא, קענ. | 237 | 66 | 16 | 16 | — | — | 293 |
| מאנטרעאל, קענ. | 424 | 68 | 12 | 8 | 2 | 2 | — |
| עוואנסוויל, אינד. | 329 | 67 | 38 | 32 | — | 6 | — |
| ניו יארק סיטי | 546 | 67 | 51 | 51 | — | — | 501 |
| פילאדעלפיא, פא. | 314 | 67 | 28 | — | 22 | 6 | — |
| פילאדעלפיא, פא. | 512 | 68 | 58 | 56 | — | 2 | 370 |
| קארטערעט, נ. דזש. | 187 | 68 | 15 | — | 15 | — | — |
| נארמא, נ. דזש. | 523 | 68 | 16 | 16 | — | — | 57 |
| נעשוויל, טענ. | 217 | 68 | 17 | — | 17 | — | — |
| סאן דיעגא, קאל. | 450 | 68 | 29 | — | 23 | 6 | — |
| וואשינגטאן, ד. ק. | 528 | 68 | 23 | 23 | — | — | 334 |
| דעווילס לייק, נ. ד. | 452 | 69 | 18 | — | 18 | — | — |
| טאטאל — — — | | | 385 | 266 | 97 | 22 | — |

ערפילען די פליכטען, וואס זיינען אויף זיי ארויפגעלעגט גע־ווארען. זיי האבען בעזוכט די ברענטשעס, וואו א גרעסערע צאהל מעמבערשיפ ווי געוועהנליך זיינען געשטראכען געווארען, און זיי אויפגעפאדערט צו ערוועהלען ספעציעלע קאמיטעס צו זעהן זיך פערזענליך מיט דיזע געשטראכענע מיטגליעדער, זיי אנציהען די וויכטיגקייט פון בעלאנגען צום ארב. רינג און זעהען דאס זיי זאלען רעאינסטייטעט ווערען.

עס טרעפט מאנכעס מאל אז אין די רייהען פון די סיטי און דיסטריקט קאמיטעס אליין קומען פאר צוויסטיגקייטען, און מיר האבען אנגענומען אלע מיטלען צו זעהן אז אזעלכע זאלען אדער אין גאנצען אויסגעמיעדען ווערען, אדער געשליכ־טעט ווערען אויף א פריינדליכען אופן.

די דיסטריקט און סיטי קאמיטעס קענען פערשטענדליך נאר דאן האבען ערפאלג אין זייער טהעטיגקייט, ווען זיי אר־בייטען האנד אין האנד מיט די ארטיגע ברענטשעס. עס איז דארום אויך געווען אונזער אויפגאבע צו זעהן, אז די סיטי און דיסטריקט קאמיטעס זאלען ניט בלויז אנערקענט ווערען

מיט זייערע אויפגאבען און פליכטען, האבען מיר אבגעדרוקט א ספעציעלען פראגראם און דיזען צו זיי פערנאנדערגעשיקט.

## פעראייניגונג און אויפלייזונג פון ברענטשעס.

עס איז דיזען יאהר אויסגעקומען אויפצולייזען איי־ניגע ברענטשעס. דיזעס האבען מיר אבער געטהאן נאכדעם ווי מיר האבען אויספראבירט אלע מיטלען אויפצולעבען און אויפ־מונטערן דיזע ברענטשעס און געזעהען אז דאס ברענגט קיי־נע רעזולטאטען. מיר האבען אין אזעלכע פעלע די מעמבערס פון דיזע אויפגעלייזטע ברענטשעס טראנספערירט צו אנ־דערע עקזיסטירענדע ברענטשעס. קיין פערלוסט פון מעמ־בערס פאר דעם ארב. רינג איז דורך אזא אויפלייזונג ניט פער־אורזאכט געווארען.

עס איז אויך אויסגעקומען צו פעראייניגען איי־ניגע ברענ־טשעס, וואס האבען געהאט ווייניג קרעפטען און ווייניג אר־גאניזאציאנס ערפאהרונג אין פעהיגקייט אנצופיהרען זייער ווייטערדיגע עקזיסטענץ. מיר האבען דאס געטהאן אויף דעם

# איינצעלהייטען וועגען די געשטאָרבענע מעמבערס

| בעשעפטיגונג | מעמבערס צאָהל | עלטער | צאָל מעמבערס | מעמבערשיפּ: פון דער עלטער גרופּע % פון דעם |
|---|---|---|---|---|
| אַפּעריימאָרס — — — — — | 662 | 18 | 20 | 41.6 |
| ביזנעס לייטע — — — — — | 795 | 19 | 81 | 33.4 |
| בעקערס — — — — — — — | 134 | 20 | 145 | 24.1 |
| הויז אַרבייטער: — — — | | 21 | 243 | 26.1 |
| קלאַס 3 — — — — 319 | | 22 | 328 | 23.3 |
| אַנדערע קלאַסען — 33 | 352 | 23 | 401 | 21.7 |
| וועבערס — — — — — — | 28 | 24 | 449 | 18.4 |
| לייבאָרערס — — — — — | 242 | 25 | 439 | 17.9 |
| לעדער אַרבייטער — — — — | 72 | 26 | 400 | 14.9 |
| מאַשיניסטען — — — — — | 234 | 27 | 404 | 13.6 |
| מולערס — — — — — — | 68 | 28 | 389 | 10.9 |
| מעטאַל אַרבייטער — — — — | 329 | 29 | 351 | 9.6 |
| פאַריערס — — — — — — | 59 | 30 | 340 | 9.0 |
| פּיינטערס און פּייפּער הייגנערס | 429 | 31 | 330· | 9.1 |
| פּרינטערס — — — — — — | 61 | 32 | 322 | 8.9 |
| פּרעסערס — — — — — — | 176 | 33 | 257 | 7.8 |
| ציגאַרען מאַכערס — — — — | 60 | 34 | 233 | 8.0 |
| קאַטערס — — — — — — | 132 | 35 | 205 | 7.5 |
| קאַרפּענטערס — — — — — | 442 | 36 | 180 | 7.4 |
| קלוירקס — — — — — — | 401 | 37 | 165 | 6.7 |
| שוסטערס — — — — — — | 131 | 38 | 146 | 7.1 |
| שניידערס — — — — — — | 1053 | 39 | 115 | 6.4 |
| אַנדערע בעשעפטיגונגען — — | 372 | 40 | 79 | 5.3 |
| | | 41 | 62 | 4.8 |
| | | 42 | 42 | 4.0 |
| | | 43 | 29 | 3.3 |
| | | 44 | 25 | 3.4 |
| | | 45 | 18 | 3.0 |
| | | 46 | 13 | 2.7 |
| | | 47 | 6 | 1.6 |
| | | 48 | 8 | 2.8 |
| | | 49 | 4 | 1.7 |
| | | 50 | 1 | .6 |
| | | 51 | 1 | .7 |
| | | 56 | 1 | 5.2 |
| טאָטאַל — — — — — — — | 6232 | | 6232 | |

| ווי לאַנג זיי זיינען געווען מעמבערס אין ארב. רינג. | | |
|---|---|---|
| צייט. | מעמבערס. צאָל | מעמבערס. פּראָצענט פון גאַנצן % |
| ווייניגער פון 6 מאָנאַטען — | 1157 | 18.5 |
| צווישען 6 מאָנאַט. און 1 יאהר | 1358 | 21.8 |
| צווישען 1 יאהר און 2 יאהר | 1190 | 19.1 |
| צווישען 2 יאהר און 3 יאהר | 658 | 10.5 |
| צווישען 3 יאָהר און 4 יאָהר | 429 | 6.9 |
| צווישען 4 יאהר און 5 יאהר | 344 | 5.5 |
| צווישען 5 יאהר און 6 יאהר | 234 | 3.8 |
| צווישען 6 יאהר און 7 יאהר | 174 | 2.8 |
| צווישען 7 יאהר און 8 יאהר | 237 | 3.8 |
| צווישען 8 יאהר און 9 יאהר | 196 | 3.1 |
| צווישען 9 יאהר און 10 יאהר | 97 | 1.6 |
| צווישען 10 יאהר און 11 יאהר | 65 | 1.0 |
| צווישען 11 יאהר און 12 יאהר | 21 | .3 |
| צווישען 12 יאהר און 13 יאהר | 16 | .3 |
| צווישען 13 יאהר און 14 יאהר | 32 | .5 |
| צווישען 14 יאהר און 15 יאהר | 8 | .1 |
| צווישען 15 יאהר און 16 יאהר | 6 | .1 |
| צווישען 16 יאהר און 17 יאהר | 8 | .1 |
| צווישען 17 יאהר און 18 יאהר | 2 | — |
| טאָטאַל — — — — — — | 6232 | 100.0 |

| | |
|---|---|
| פערהייראטאה — — — — — — — | 3461 |
| אונפערהייראטאה — — — — — — | 2771 |
| טאָטאַל — — — — — — — — — | 6232 |

## די געשטאָרבענע מעמבערס וואס האָבען בעלאַנגט צום אַרבייטער רינג נישט מעהר ווי 4 קוואַרטאַלען.

| ווען זיי זענען גע־שטאָרבען געוואָרען. | ווייניגער פון 6 מאָנאַטען. צאָל | ווייניגער פון 6 מאָנאַטען. פּראָצענט פון גאַנצן % | ווייניגער ווי איין יאָהר. צאָל | ווייניגער ווי איין יאָהר. פּראָצענט פון גאַנצן % |
|---|---|---|---|---|
| אין 66טען קוואַרטאַל | 214 | 19.2 | 188 | 16.9 |
| *אין 67טען קוואַרטאַל | 581 | 32.3 | 285 | 15.8 |
| אין 68טען קוואַרטאַל | 238 | 14.3 | 529 | 31.8 |
| אין 69טען קוואַרטאַל | 124 | 7.5 | 356 | 21.4 |
| טאָטאַל — — — — — | 1157 | 18.5 | 1358 | 21.8 |

*) אין דיזען קוואַרטאַל האָט דער דזשענעראַל אָפּיס אַריינגענו־מען די גרעסטע צאָהל נייע מעמבערס, און די צאָהל געשטאָרבענע איז דעריבער אויך געווען די גרעסטע. עס איז אַן אַלטער כלל, אַז אין אַ קאַמפּיין פאַלען אַריין אַ ווייליע געוויסע עלעמענטען, וועלכע זיינען גאָר ניט פּאַסיג און פאַלען גלייך אַרויס.

פערלאנג פון די ברענטשעס נאָכדעם ווי די דיסטריקט קאָמיטעס פלעגען דיעזע ברענטשעס בעזוכען און אזא פעראייניגונג רעקאָמענדירען. מיר האָבען דאן געפונען פאסענדע ברענטשעס פאר זיי מיט וועלכע זיי זאלען זיך פעראייניגען. כמעט אין אלע פעלע איז די פעראייניגונג געווען א פאסענדע און צופריעדענשטעלענדע פאר ביידע צדדים.

## טראַנספערירטע און געשטראָכענע מעמבערס.

עס איז אונז אויך אויסגעקומען צו האנדלען אין בעצוג טראנספערירען מעמבערס אין פעלע ווען ברענטשעס האָבען זיך ענטזאגט צו געבען טראנספערס צו די בעטרעפענדע. מיר האָבען אין יעדען פאל די זאך אונטערזוכט, אָנגעפרעגט ביים ברענטש, און אויב דער ברענטש האָט ניט געגעבען קיין גענוגענדע אורזאכען ווארום זיי בעוויליגען ניט קיין טראנספער פאר דעם בעטרעפענדען מעמבער, און אויב מיר האָבען איינגעזעהן אז דער פערלאנג פון דעם מעמבער איז א בערעכטיגטער, איז זיין פערלאנג גוטגעהייסען געווארען.

אין מאנכע פעלע זיינען מיר געצוואונגען געווען צו מאַכען איינינגע מיטגליעדער אלס מעמבערס עט לארדזש. מיר האָבען אבער דאָס געטהאָן נאָר דאן ווען מיר האָבען קיין אנדער אויסוועג ניט געהאט. די בעשליסע וועגען טראנספעריען איינעם אלס מעמבער עט לארדזש זיינען כמעט אין אלע פעלע געפאסט געווארען אויף דער רעקאָמענדיישאָן פון דער דיסטריקט קאָמיטע נאָך דעם ווי די לעצטע האָט די אנגעלעגנהייט גענוי אונטערזוכט און פערהאנדעלט און איינגעזעהן אז דאָס איז דער בעסטער מיט'ל אונטער די אומשטענדען צו שליכטען דעם סכסוך, וואס איז פארגע ומען צווישען דיזען מעמבער און דעם ברענטש.

מיר האָבען אויך פערהאנדעלט איינינגע קייסעס וועגען מעמבער, וואס זיינען אונגעזעצליך געשטראכען געווארען און האָבען זיך צו אונז וועגען דעם געווענדעט. אין אזעלכע פעלע האָבען מיר געזעהן, אז די בעטרעפענדע זאלען פריהער רעאינסטייטעט ווערען און דאן אפעלירען געגען דער האנדלונג פון ברענטש צו דער נאציאנאלער גריוועגס קאָמיטע.

מיר האָבען ארויסגעשיקט איינינגע צושריפטען צו די ברענטשעס און דיסטריקט קאָמיטעס וועגען דעם אז עס זאלען אָנגענומען ווערען מיטלען אָבצושאפען די „שטרייך מגפה", וועלכע איז אייגענטליך א „כראָנישע קראנקהייט" אין אלע פראטווירנאל אָרגאניזאציאנען. מיר האָבען זיך ניט בענוגענד בלויז מיט צושריפטען צו די ברענטשעס און דיסטריקט קאָמיטעס וועגען דעם, נאָר עס איז אויך איינינגע מאָל געשריעבען געוואָרען וועגען דעם אין „פאָרווערטס" און אין „פריינד".

## נייע ברענטשעס אינסטאָלירט.

מיר האָבען דיעזען יאהר אינסטאָלירט איינינגע נייע ברענטשעס, וועלכע ווערען אונטען אויסגערעכענט. מיר האָבען אויך געמאכט א פּאָבליק אינסטאָליישאָן פאר דעם „מענדעלע מוכר ספרים ברענטש 528" אין פילאדעלפיא.

## טהעטיגקייט צווישען די טרייד יוניאנס.

צווישען די פיעלע אנדערע אויפגאבען אונזערע האָבען מיר אויך דיעזען יאהר געפונען פאר נויטיג אָנצופיהרען אן אגיטאציאָן צווישען די טרייד־יוניאנסטישע עלעמענטען וועגען אָנשליסען זיך אָן ארב. רינג. דורכ'ן „פארווערטס", ווי אויך פון צייט צו צייט דורך די טרייד־יוניאניסטישע פרעסע, האָבען מיר זיי אָנגעציינט, אז דער איינציגער פלאץ, וואו זיי דארפען בעלאנגען פאר געגענזייטיגע הילפע, איז דער ארב. רינג, וועלכער האלט אימער אלס זיין אויפגאבע צו זעהען, אז זיינע מעמבערס זאלען בעלאנגען צו יוניאנס און העלפען מיט וואָס זיי קאָנען געווינען יעדען קאמפף פון דער ארבייטער בעוועגונג.

אונזערע פערטרעטער האָבען פאר דיעזען צוועק בעזוכט איינינגע יוניאנס און אויך אדרעסירט איינינגע מאסה מיטינגען פון יוניאָנס. אויף דיעזען געביעט איז אונזער ארבייט דיעזען יאָהר געווען גאָנץ ערפאָלגרייך. מיר האלטען יעצט אין גרינדען ברענטשעס פון נע־ווער מייקערס, ליידיעס טיילאָרס, בוטשער ארבייטער א. ד. ג.

אלס בייששפיעל פון גוטע, ערפאָלגרייכע ארבייט וואס א טרייד יוניאניסטישער ברענטש קען טהאָן מעג דיענען בר. 600, וועלכער בעשטעהט פון מילינערי ארבייטער. פאר דער קורצער צייט, וואס זיי עקזיסטירען, האָבען זיי פערדאָבעלט זייער מעמבערשיפ, און אין פערלויף פון די לעצטע עטליכע וואָכען אליין האָבען זיי אריינגענומען איבער 50 נייע מיטגליעדער. דאָס איז זיכער א שעהנער ביישפיעל פאר אן איינצעלנעם ברענטש. דער ערפאלג פון בר. 600 האָט נאָך פערשטאָרקערט אונזער געדאנק דאָס עס איז ווינשענסווערטה און נויטווענדיג צו פערשפרייטען וואס מעהר פראפאגאנדא און אגיטאציאן צווישען די טרייד יוניאניסטישע עלעמענטען.

מיר גלויבען אז די **שטילע**, רוהיגע און סיסטעמאטישע

## צאָהל ברענטשעס וואָס זיינען אינסטאָלירט געוואָרען אין 1917 לויט סיטיס און סטייטס.

| סיטי און סטייט | ברענטש נומער | [illegible] | צאָהל מעמבערס: נייע | צאָהל מעמבערס: טראנספערירט [illegible] |
|---|---|---|---|---|
| ניו יארק, נ. י. — — | 237 | 68 | 32 | 5 |
| „ | 270 | 67 | 26 | — |
| „ | 335 | 67 | 25 | — |
| „ | 481 | 67 | 28 | — |
| „ | 508 | 66 | 38 | 5 |
| „ | 582 | 66 | 35 | — |
| „ | 598 | 66 | 41 | 3 |
| „ | 600 | 66 | 85 | 3 |
| „ | 601 | 66 | 26 | — |
| „ | 602 | 66 | 26 | — |
| „ | 605 | 66 | 26 | — |
| „ | 607 | 66 | 25 | — |
| „ | 608 | 66 | 24 | — |
| דזשעמייקא, נ. י. — — | 221 | 67 | 15 | — |
| מאָנטיסעלא, נ. י. — — | 610 | 66 | 13 | 6 |
| פיקסקיל, נ. י. — — | 603 | 66 | 20 | — |
| העקענסעק, נ. דזש. — | 329 | 68 | 17 | 7 |
| ענגעלוואוד, נ. דזש. — | 595 | 66 | 19 | — |
| פריהאָלד, נ. דזש. — — | 606 | 66 | 17 | 5 |
| פילאדעלפיא, פא. — — | 550 | 68 | 21 | — |
| „ | 604 | 66 | 30 | 1 |
| סופיריאָר, וויס. — — | 535 | 66 | 23 | 3 |
| אינדיאנאפאליס, אינד. | 187 | 69 | 5 | 38 |
| הארטפארד, קאָנ. — | 523 | 69 | 29 | — |
| קאָלטשעסטער, קאָנ. — | 525 | 66 | 21 | 1 |
| בריסטול, קאָנ. — — | 568 | 66 | 5 | 12 |
| דעטראָיט, מיש. — — | 203 | 68 | 24 | — |
| „ | 480 | 66 | 33 | — |
| „ | 596 | 68 | 30 | 2 |
| „ | 599 | 66 | 16 | 5 |
| באלטימאר, מד. — — | 217 | 69 | 28 | 2 |
| דענווער, קאל. — — | 450 | 69 | 52 | 21 |
| טאראנטא, קענ. — — | 61 | 66 | 25 | — |
| סאסקאטון, קענ. — | 574 | 67 | 17 | — |
| טאָטאל — — — — | | | 897 | 119 |

ארבייט אויף דיזען געביט ווערט ניט פערלארען. די מעמבערס פון די פערשיעדענע טרייד יוניאנס, וועלכע געפינען זיך אין אונזערע רייהען, הויבען אליין אָן אלץ מעהר און מעהר צו בעגרייפען די וויכטיגקייט פון צוציהען אלץ א גרעסערע און גרעסערע צאָהל מיטגליעדער פון די טרייד יוניאנס, אום דער ארב. רינג און די טרייד יוניאניסטישע בעוועגונג זאלען קומען אין נעהנטערע און אין ענגערע בעציהונגען.

## סכסוכים אין ברענטשעס.

אין פערלויף פון דיזען יאָהר איז אונז אויסגעקומען צו שליכטען פיעלע סכסוכים אין ברענטשעס. צום ביישפיעל אין א ברענטש פון מיזורי סטייט, האָבען איינינע מעמבערס געשאפען אזוי פיעל טראָבעל אין ברענטש און דער סכסוך איז דערגאנגען אזוי ווייט, אז מען האָט ניט געוואלט פעררענטען דעם ברענטש קיין מיטינג לאָקאל. נאָכדעם ווי די נאַצ. ארגאניזאציאנס קאָמיטע האָט די זאך אונטערזוכט, האָט זי געפונען פאר נויטיג ארויסצונעהמען איינינע מיטגליעדער און זיי טראנספערירען אלס מעמבערס עט לארדזש. דאָס איז, פערשטענדליך, געטהאָן געווארען אויף דער רעקאָמענדיישאָן און מיט דער צושטימונג פון דער דאָרטיגער סיטי קאָמיטע. איינער פון דיזע מעמבערס האָט אונז זאגאר פער לאָגט אין קאורט פאר דעם וואס מ'האָט איהם טרענספערירט אלס מעמבער עט לארדזש. נאָכדעם ווי אונזער לאָיער האָט בעוויעזען אין קאורט אז לויט אונזער קאָנסטיטושאָן האָט די עקזעקוטיווע אימער א רעכט צו טראנספערירען איינעם אלס מעמבער עט לארדזש, ווען זי געפינט דאָס פאר נויטיג, איז אונזער האנדלונג אויך פון קאורט גוט געהייסען געווארען. דער זעלבער מעמבער האָט נאָכהער פערלאנג אז מיר זאלען זיין קיים נאָך אמאָל אויפנעהמען. מיר האָבען איהם געענטפערט, דאס ווען אונזער פערטרעטער וועט אויסקומען צו זיין אין יענער שטאָדט, וועט ער אויפ'ן פלאץ זעהען וואס עס קען פאר איהם געטהאָן ווערען. דער פאקט איז, אז דער בעטרעפענדער איז געוועזען דער גרינדער פון אן אפּאזיציאנעלע ארגאניזאציאן צום ארב. רינג, און ער האָט זאגאר מיסאינפארמירט די אָנגעשלאָסענע מעמבערס אין דיזער ארגאניזאציאן וועגען דער בעציהונג פון דיזער אפּאָזיציאָנעלער ארגאניזאציאן צום ארב. רינג. מיר האָבען דארום ניט געפונען פאר נויטיג צו ענדערען אונזער בעשלוס, און פון דאמאלס אָן זיינען ווירקליך קיינע סכסוכים אין יענעם ברענטש מעהר ניט פארגעקומען.

אין א געוויסען ברענטש אין פענסילווייניא איז געוועזען אזא פאל: א געוויסער מעמבער פון דאָרטיגען ברענטש איז געוועזען דער טרעזשורער פון א סטרייק פאָנד. צו ענדע פון סטרייק האָט ער אָבער ניט געקענט בעווייזען וואס עס איז געטהאָן געוואָרען מיט אלע געלדער, וועלכע זיינען אריינגעקומען צו איהם. דער ברענטש האָט, פערשטענדליך, איהם געהאלטען פעראנטווארטליך און געמאָנט פון איהם א געוויסע סומע, וואס דער חשבון האָט געצייגט. מיר האָבען די אנגעלעגענהייט אונטערזוכט און געפונען, אז דער בעטרעפענדער האָט ניט געקענט בעווייזען זיין אומשולד. מיר האָבען דארום גוטגעהייסען די האנדלונג פון ברענטש.

אין באלטימאָר האָט זיך אין א געוויסען געגענד געגרינדעט א ברענטש, וואו עס געפינט זיך איינער פון די עלטסטע ברענטשעס פון ארב. רינג. דיעזער אלטער ברענטש האָט גע'טענה'ט, אז עס איז ניטאָ קיין פלאץ פאר צוויי ברענטשעס אין דעם זעלבען געגענד, און זיי האָבען דארום געפאָדערט אז דער נייער ברענטש זאָל אם ווייניגסטענס ניט האָבען די מיטינגען אין דער זעלבער נאכבאַרשאפט. אונזערער א פערטרעטער איז ספעציעל וועגען דעם אהין געשיקט געווארען און גוט געהייסען די גרינדונג פון דעם נייעם ברענטש מיט דער פערשטענדניס אז זיי קענען בלויז דאן האָבען זייערע מיטינגען אין דעם זעלבען געגענד, וואו יענער אלטער ברענטש געפינט זיך, אויב דיעזער אלטער ברענטש וועט דערצו געבען זיין צושטימונג.

דאָס זיינען בלויז אייניגע פון פיעלע סכסוכים, וועלכע אונז איז אויסגעקומען אין משך פון יאהר צו שליכטען. מיר גלויבען, אז עס איז אָפטמאָל פונקט אזוי וויכטיג און פיליכט

וויכטיגער אָנצוהאלטען די פריינדליכע בעציהונגען אין די ברענטשעס און צווישען די ברענטשעס ווי צו גרינדען נייע ברענטשעס. די ארבייט צו זעהן, אז דיזע הארמאָנישע בעציהונגען זאלען אָנגעהאלטען ווערען האָבען מיר אומעטום, וואו עס איז געוועזען נויטיג, ערנסט דורכגעפיהרט.

## אונזער אָרגאניזאציאנס פאָנד.

דער רעפערענדום פון דעם פאריגען יאָהר האָט בעשלאָסען, אז דער ארגאניזאציאנס פאָנד זאל בעשטעהן פון 4,000 דאָלאר. עס איז זעלבסטפערשטענדליך אז דיזע סומע איז איינפאך די אונבעדייטענדסטע וואס מ'קען זיך נאָר פארשטעלען פאר די ארגאניזאציאנס טהעטיגקייט פון אונזער ארב. רינג. פאראן ארגאניזאציאנען, וועלכע האָבען צעהן מאָל ווייניגער מעמבערס ווי מיר האָבען און זיי גיבען אויס פאר ארגאניזאציאנס ארבייט מיט פיעלע טויזענדער מעהר ווי מיר. און ווען מען נעהמט אין אנבעטראכט, אז מיר האָבען היינט צו טאָג נאָהנט פון 33 סיטי און דיסטריקט קאָמיטעען, און יעדע סיטי און דיסטריקט קאָמיטע האָט געוויסע ע ספּענסעס אָנצופיהרען די ארגאניזאציאנס טהעטיגקייט אין די לאָקאלע פלעצער, וועט מען בעגרייפען וואס פאר א אונבעדייטענדע סומע עס בלייבט איבער פאר דער נאציאנאלער ארגאניזאציאנס קאָמיטע אָנצופיהרען די ארגאניזאציאנס טהעטיגקייט דירעקט דורך איהר.

יעדעס מאָל ווען דער ארגאניזאציאנס קאָמיטע קומט אויס צו פערהאנדלען די פראגע וועגען אראנזשירען טורס צו בעזוכען ברענטשעס אין די פערשיעדענע שטעדט, מוז זי זיך גאנץ גוט אריינטראכטען איבער דער פאָנד, וואס זי האָט, וועט זיין גענוגענד אויף דיזע אלע עקספּענסעס. אזא סיסטעמע און אזעלכע מיטלען אָנצופיהרען א ברייטע ארגאניזאציאנס טהעטיגקייט זיינען געוויס ניט צוגעפאסט צו די גרויסע פערלאנגען און פאָדערונגען פון אונזער ברייטער מעמבערשיפּ. זעלבסטפערשטענדליך, אז ניט היינט, מאָרגען, וועט דיזער פאָנד מוזען פערגרעסערט ווערען ניט מיט א טויזענד און ניט מיט קיין צוויי טויזענד דאָלאר, נאָר מיט פיעלע טויזענדער מעהרער.

מיר, פון אונזער זייט, האָבען זיך אָנגעשטרענגט צו האלטען זיך אָן די ראַהמען פון אונזער פאָנד, און ווען איהר, פריינדע דעלעגאטען, וועט אָנבערקוקען די טאַבעלע פון דעם ארגאניזאציאנס פאָנד און איהר וועט פערגלייכען די אויסגאבען פון די יאָהרען 1915, 1916 און 1917, וועט איהר זעהען, אז אין דעם יאָהר 1917 איז פערטהאָן געוואָרען די קלענסטע סומע אין פערגלייך צו די פריהערדיגע יאָהרען. אין 1915 איז פערטהאָן געווארען נאָהנט פון 8,000 דאָלאר, אין 1916 אריבער 5,000 דאָלאר, און אין 1917 ווייניגער ווי 5,000 דאָלאר. און פערגעסט ניט אַז אין דעם יאָהר 1917 זיינען אָנגעפיהרט געוואָרען צוויי ארגאניזאציאנס קאמפּיינס אויף אזא גרויסען מאסשטאַב, פון וועלכען דער ז. ר. האָט נאָך ביז יעצט ניט געהערט, ווייל דער קאמפּיין פון 1916-1917 איז געוועזען אין פולען גאנג אָנפאנג יאנואר 1917, און דער קאמפּיין פון דיזען יאהר האָט זיך אויך אָנגעפאנגען אין אָקטאָבער און איז אָנגעפיהרט געוואָרען ביז ענדע 1917, און ווייטער.

דאָס וועט אייך געבען א בעגריף אויף וויפיעל אונזער קאָמיטע האָט זיך אָנגעשטרענגט אים ניט אריבערצוטרעטען דעם לימיט, וועלכען עס איז איהר געשטעלט געוואָרען. און ביי בעסערע אומשטענדען וואלטען מיר זיכער געקומען צו אייך מיט א פערלאנג אויף צו פערדאָפּלען אונזער ארגאניזאציאנס פאָנד. נעהמענדיג אָבער אין אנבעטראכט די יעצטיגע לאגע, ווילען מיר מיט אזא פערלאנג צו אייך ניט קומען. אלעס אָבער וואס מיר פערלאנגען פון אייך, פריינדע דעלעגאטען, איז, אז איהר זאָלט בעשליסען, אז דער ארגאניזאציאנס פאָנד, וועלכער קליבט זיך צוזאמען פון די דריי סענט פער קוואָרטאל פער מעמבער, זאל אין גאנצען געשטעלט ווערען אונטער דער קאָנטראָל און אויפזיכט פון דער עקזעקוטיוו קאָמיטע און זאל קענען געברויכט ווערען אין גאנצען ווען עס וועט זיך פאָדערען.

# אָרגאַניזיישאָן פאָנד.

## איינגאהמען און אויסגאבען פאר דעם יאָהר 1917 אין פערגלייך מיט 1915 און 1916.

| | 1915 | 1916 | 1917 |
|---|---|---|---|
| באלאַנס פון פאָריגען יאָהר — — — — — — — | $3,886.14 | $873.46 | ——— |
| דעפיציט פון לעצטען יאָהר — — — — — — — — | ——— | ——— | 296.07 |
| **איינגאהמען:** | | | |
| דיום פון מעמבערס — — — — — — — — — — — | 4,224.81 | 4,283.88 | 4,664.25 |
| סך הכל — — — — — — — — — — — — | $8,100.95 | $5,157.34 | 4,368.18 |
| פערלוסט פון געשטראָכענע מעמבערס — — — — — | 114.75 | 76.01 | 105.73 |
| טאָטאל נעט איינגאהעמ — — — — — — — | $7,996.20 | $5,081.33 | $4,262.45 |
| **אויסגאבען:** | | | |
| ניו יאָרק סטייט — — — — — — — — — — | $1,495.03 | $1,188.70 | $1,047.57 |
| ניו דזשוירזי סטייט — — — — — — — — | 372.00 | 134.95 | 278.09 |
| פענסילווייניא סטייט — — — — — — — — | 702.50 | 439.81 | 419.26 |
| קאָנעקטיקוט סטייט — — — — — — — — — | 300.58 | 322.02 | 257.76 |
| מערילענד סטייט — — — — — — — — — — | 146.18 | 93.11 | 73.86 |
| אילינאָיס סטייט — — — — — — — — — — | 292.67 | 232.43 | 181.90 |
| ראוד איילאַנד סטייט — — — — — — — — — | 69.71 | 39.39 | 47.69 |
| מישיגאן סטייט — — — — — — — — — — | 71.75 | 199.92 | 95.04 |
| אַהיאָ סטייט — — — — — — — — — — — | .50 | 24.10 | 17.00 |
| וויסקאָנסין סטייט — — — — — — — — — | 67.12 | 51.10 | 98.60 |
| מיזורי סטייט — — — — — — — — — — | 99.52 | 103.23 | 41.50 |
| ווירדזשיניא סטייט — — — — — — — — — | 35.95 | 142.30 | 28.20 |
| מינעסאָטא סטייט — — — — — — — — — | 147.60 | 147.26 | 146.62 |
| דיסטריקט אָוו קאָלאָמביא — — — — — — — | 55.50 | 26.15 | 42.46 |
| מעין סטייט — — — — — — — — — — — | 73.35 | 89.54 | 76.55 |
| טעקסעס סטייט — — — — — — — — — — | 24.92 | 16.50 | ——— |
| אינדיאנא סטייט — — — — — — — — — — | 5.85 | ——— | ——— |
| קאַנאַדא אָרגאַניזאציאנס ארבייט — — — — — — | 48.16 | 52.53 | 156.85 |
| קאליפאָרניא סטייט — — — — — — — — — | ——— | 12.00 | 42.00 |
| אַלגעמיינע אָרגאַניזאציאנס ארבייט — — — — — — | 3,113.85 | 2,062.36 | ——— |
| סואוועניררס צו פאָרשלעגער פון נייע מעמבערס — — | ——— | ——— | 239.45 |
| קאָמיטעס — — — — — — — — — — — — | ——— | ——— | 695.43 |
| רייל ראוד פעירס — — — — — — — — — | ——— | ——— | 466.97 |
| צייט פערלוסט פון קאָמיטע מעמבערס — — — — | ——— | ——— | 308.00 |
| סטיישאַנערי און פרינטינג — — — — — — — | ——— | ——— | 58.87 |
| טעלעפאָן און טעלעגראַף — — — — — — — — | ——— | ——— | 1013 |
| אדווערטייזינג — — — — — — — — — — | ——— | ——— | 9.80 |
| פּאָסטעדזש — — — — — — — — — — — — | ——— | ——— | 1.26 |
| עקספרעסעדזש — — — — — — — — — — | ——— | ——— | 1.56 |
| פערשיעדענעס — — — — — — — — — — — | ——— | ——— | 38.75 |
| טאָטאל אויסגאבען — — — — — — — — | $7,122.74 | $5,377.40 | $4,881.17 |
| באלאַנס — — — — — — — — — — — — | 873.46 | ——— | ——— |
| גרענד טאָטאל — — — — — — — — — | $7,996.20 | ——— | ——— |
| דעפיציט — — — — — — — — — — — — | ——— | $296.07 | $618.72 |

## ארגאניזאציאנס ארבייט אין כערבינדונג מיט פראטוירנעל רייטס.

ווי בעוואוסט, איז ביי דער לעצטער קאָנווענשאָן פון ארבייטער רינג אנגענומען געווארען א בעשלוס אז די נאצ. עקזעקוטיווע זאל זעהען דורכפיהרען דאָס דער ארבייטער רינג זאל ווערען געזעצליך אין אלע שטאאטען, וואו ער איז ניט געטשארטערט. לויט דיזען בעשלוס איז ארויסגעשיקט געווארען דער רעפערענדום וועגען פדאטוירנאל רייטס, די רעזולטאטען פון וועלכען זיינען אייך אלעמען בעקאנט. אונזער קאָמיטע, וועלכע שטעהט אין שטענדיגע דירעקטע פערבינדונגען מיט די ברענטשעס איז אויסגעקומען אין פיעלע שטעדט קלאָהר צו מאכען די פראגע וועגען דער געזעצליכקייט פון ארבייטער רינג אין פערבינדונג מיט דער איינפיהרונג פון פראטוירנאל רייטס.

עס פלעגט גאנץ אָפט טרעפען אז ווען אונזערער א פערטרעטער איז געקומען אין א שטאָדט צוליעב געוויסע ארגאניזאציאנס ארבייט אדער צוליעם א סכסוך, וואס איז אויסגעקומען צו שליכטען, האָט ער זיך אָנגעשטויסען אויף א מיטינג, וואס האָט פערהאנדעלט די פראגע וועגען פראטוירנאל רייטס. זעלבסטפערשטענדליך אז אלס פערטרעטער פון דער נאצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע האָט ער בעלויכטען די פראגע לויט די אנשויאונגען וואס די עקזעקוטיווע האָט געהאט וועגען דער פראגע. פיעלע ברענטשעס בלעגען זיך זאגאר דירעקט ווענדען צו אונז צו שיקען צו זיי רעדנער וועגען פראטוירנאל רייטס.

מיר האָבען די פראגע וועגען אזעלכע פערלאנגען פון ברענטשעס פערהאנדעלט צוזאמען מיט דער פראטוירנאל רייטס קאָמיטע און זיינען געקומען צו א פערשטענדניס, אז עס איז ווינשענסווערטה ביי יעדער געלעגענהייט, וואו אונזער'ער א פערטרעטער איז אנוועזענד, צו געבען א גענויע ערקלעהרונג וועגען דער ריכטיגער לאגע פון דעם ארב. רינג אין פערבינדונג מיט דער פראגע פון פראטוירנאל רייטס. אין די וועסטערן שטעדט און אויך אין א טייל פון דעם ניו יארקער סטייט איז דער טור געמאכט געווארען פון דעם דזשענעראל סעקרעטער, י. באסקין, און לויט די אלע בעריכטען איז דער טור געווען אן ערפאלג ניט נאָר פון דעם שטאנדפונקט פון די אויפקלעהרונגס ארבייט איבער פראטוירנאל רייטס, נאָר אויך פון דעם שטאנדפונקט פון ארגאניזאציאנס ארבייט. אויף דיעזע גרויסע מיטינגען פון אלע מעמבערס פון ארב. רינג אין די לאָקאלע פלעצער איז פיעל צייט אָבגעגעבען געווארען איבער דער פראגע פון ארגאניזאציאנס טהעטיגקייט, וועגען אונזער קאמפיין פאר נייע מעמבערס און וועגען אלגעמיינע פראגען פון דעם ארבייטער רינג.

## אָרגאניזאציאנס און עדיוקיישאָנאל ארבייט.

די ארגאניזאציאנס און עדיוקיישאָנאל ארבייט איז אזוי ענג פערבונדען צווישען זיך אז עס איז מאָנכעס מאָל שווער אָבצוטיילען וואו עס ענדיגט זיך די ארגאניזאציאנס און וואו עס פאנגט זיך אָן די עדיוקיישאָנאל ארבייט. אונזערע סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס ווי אויך איינצעלנע ברענטשעס אראנזשירען צום ביישפיעל לעקטשורס אדער קאָנצערטען און פערוויילונגען און נוצען דיעזע אוים פאר ארגאניזאציאנס צוועקקען אדער פאר אלגעמיינע פראפאגאנדא פאר דעם ארב. רינג. אין אזעלכע פעלע איז שווער צו אורטיילען וואס איז עדיוקיישאָנאל און וואס איז ארגאניזאציאנס ארבייט.

מיר זיינען דיעזען יאהר געקומען צו א פערשטענדניס מיט דער עדיוקיישאָנאל קאָמיטע אז וואו עס איז נאָר מעגליך געווען זאָל די עדיוקיישאָנאל און ארגאניזאציאנס ארבייט געטהאָן ווערען געמיינשאפטליך. מיר האָבען אויך געהאט איינינגע געמיינשאפטליכע מיטינגען פאר דעם צוועק מיט דער נאציאנאלער עדיוקיישאָנאל קאָמיטע. אין די פריהערינע יאהרען, ווען איינער פלעגט פאָהרען אויף א לעקטשור טור פון דער עדיוקיישאָנאל קאָמיטע, פלעגט גאנץ אָפט טרעפען, אז די צוהערער האָבען זאגאר ניט געוואוסט פון וועמען דער לעקטשור איז אראנזשירט געווארען. ווען די עדיוקיישאָנאל קאָמיטע האָט לעצטען סיזאָן ארויסגעשיקט גענאָסע דר. גורעוויטש אויף'ן

## די איינטהיילונג פון אונזערע מעמבערס נאָך זייער עלטער.

| עלטער | מעמבערשיפ: נייע מעמבערס | מעמבערשיפ: געשטראָכענע און געשטאָרבענע מעמב. דורכ'ן יאהר. | מעמבערשיפ: צאָהל מעמבערס ענדע יאָהר. | דער בעטרעף פון דער אינשורענס. |
|---|---|---|---|---|
| 18 | 70 | 22 | 48 | 8800 |
| 19 | 223 | 73 | 243 | 47900 |
| 20 | 403 | 136 | 603 | 112900 |
| 21 | 520 | 248 | 938 | 186300 |
| 22 | 685 | 330 | 1408 | 287200 |
| 23 | 733 | 384 | 1843 | 384700 |
| 24 | 811 | 459 | 2430 | 531100 |
| 25 | 754 | 461 | 2454 | 547400 |
| 26 | 720 | 401 | 2677 | 622300 |
| 27 | 571 | 404 | 2978 | 726600 |
| 28 | 775 | 401 | 3563 | 884300 |
| 29 | 569 | 361 | 3674 | 970700 |
| 30 | 628 | 347 | 3769 | 1018900 |
| 31 | 345 | 336 | 3627 | 1034100 |
| 32 | 480 | 333 | 3624 | 1059600 |
| 33 | 380 | 269 | 3316 | 984800 |
| 34 | 348 | 241 | 2908 | 879100 |
| 35 | 418 | 214 | 2739 | 817900 |
| 36 | 298 | 196 | 2438 | 738000 |
| 37 | 329 | 167 | 2458 | 756100 |
| 38 | 242 | 152 | 2049 | 635100 |
| 39 | 137 | 119 | 1787 | 569600 |
| 40 | 39 | 92 | 1505 | 477900 |
| 41 | 4 | 64 | 1284 | 413400 |
| 42 | 7 | 50 | 1051 | 343000 |
| 43 | 7 | 34 | 872 | 283100 |
| 44 | — | 29 | 742 | 252600 |
| 45 | — | 21 | 594 | 197100 |
| 46 | — | 15 | 485 | 164500 |
| 47 | — | 10 | 365 | 124000 |
| 48 | — | 15 | 283 | 92600 |
| 49 | — | 6 | 229 | 75200 |
| 50 | — | 9 | 154 | 52000 |
| 51 | — | 1 | 133 | 45600 |
| 52 | — | 3 | 90 | 32000 |
| 53 | — | 3 | 53 | 18600 |
| 54 | — | 4 | 42 | 15000 |
| 55 | — | 2 | 11 | 4200 |
| 56 | — | 2 | 19 | 6600 |
| 57 | — | 1 | 2 | 600 |
| 58 | — | — | 6 | 2200 |
| 59 | — | 1 | — | — |
| 60 | — | — | — | — |
| 61 | — | 1 | 1 | 200 |
| 62 | — | — | 3 | 600 |
| 63 | — | — | — | — |
| 64 | — | — | 1 | 200 |
| 65 | — | — | 1 | 200 |
| טאָטאַל | 10487 | 6417 | 59500 | 16,404,800 |

דורכשניט עלטער פון די נייע מעמבערס — — 27.7

דורכשניט עלטער פון דער מעמבערשיפ — — 32.0

דורכשניט עלטער פון געשטראָכענע מעמבערס — 29.1

לעקטשור טור, איז פערשטאַנ̈ן געוואָרען דאָס געג. גורעוויטש זאָל בעפאר אדער נאָך יעדער לעקטשור רעדען א צעהן אדער פופצען מינוט אין אלגעמיין וועגען ארב. רינג.

דאָס איז בלויז געוועזן אַן אָנפאַנג פאר געמיינשאַפטליכע ארבייט פון די ארגאניזאציאנס און עדיוקיישאָנאל קאָמיטעס. כ̈ר האָפען, אז אין דער קומענדער פערוואלטונג וועלען די פריינדליכע בעציהונגען צווי̈̈ן דיעזע צוויי קאָ̈טעס ווייטער אָנהאלטען אום מעהר צוזאמענצובינדען די טהעטיגקייט פון איין קאָמיטע מיט ̈ער ארבייט פון דער אַנדערער.

שלום.

ווען מען נעהמט אין אַנבעטראכט די אוננאָרמאלע אומשטענדען, אונטער וועלכע עס איז אונז אויסגעקומען צו ארבייטען דיעזען יאהר; ווען מען נעהמט אין אנבעטראכט אז ד̈עזען יאהר איז אויסגעקומען פיעל ארבייט אוועקצוגעבען בכדי אויפצוהאלטען די געווינסען פון לעצטען יאהר און פון די פריהעריגע יאהרען, קענען מיר זיין גאַנ̈ץ צופריעדען מיט די רעזולטאַטען, מיט וועלכע מיר קומען צום קאָנווענשאָן. מיר זיינען פאלשטענדיג איבערצייגט, אז מיר האָבען טריי, ערנסט און איבערגעבען ערפילט די אויפגאבען, וואס זיינען אויף אונז ארויפגעלעגט געוואָרען, און מיר האָבען געטהאָן אלעם ז̇ין אונזערע קרעפטען צו העלפען מאבען דעם ארב. רינג שעהנער, שטאַרקער און איינפלוסרייכער.

מיר ווילען ביי דיזער געלעגענהייט אויסדריקען אונזער הערצליכסטען דאנק צו די סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס, ווי אויך צו די איינצעלנע טהוער פון ארב. רינג, וואס האָבען אונז געהאָלפען אין דער ארגאניזאציאנס ארבייט אין די שווערסטע מאָמענטען אין פערלויף פון יאהר.

מיר בעגריסען די דעלעגאטען צו דער 18טער יעהרליבער קאָנווענשאָן, און מיר ווינשען אז אלע פערהאנדלונגען פון דיעזער קאָנווענשאָן זאלען זיין א מוסטער פון איינינקייט און הארמאָני און פאר די בעסטע אינטערעסען פון אונזער אלעמענס בעליעבטען ארב. רינג.

זאָל צו דער נעקסטער קאָנווענשאָן זיין איין ארבייטער רינג אין אַמעריקאַ!

נאַציאָנאַלע ארגאַניזאציאנס קאָמיטע, א. ר.

# בעריכט פון דער נאציאנאלער בענעפיט קאמיטע

מ. גאָלדינג, טשערמאַן.
מ. מינדלין, ס. יאקובי, מ. מאלאט און י. וויינשטיין.

צו די דעלעגאַטען פון דער 18טער יעהרליכער קאָנווענשאָן און צו אלע מעמבערס פון ארבייטער רינג.

ווערטהע פריינד:

איבערגעבענדיג אייך דעם בעריכט פון אונזער יאהר ארבייט אלס פערוואלטער פון דעם בענעפיט דעפארטמענט, וועלכער איז לויט זיינע איינגאהמען און אויסגאבען, דער גרעסטער דעפארטמענט אין אונזער ארדען, האָפען מיר דאס מיר האָבען געטהאָן דאָס בעסטע אונטער די אומשטענדען אין פערלויף פון דעם יאהר, צו זעהן דאס דיעזער דעפארטמענט זאל ריכטיג פערוואלטעט ווערען פאר דעם בענעפיט פון דער גאנצער מעמבערשיפ פון ארב. רינג. מיט צופריעדענהייט בעמערקען מיר אויך, דאָס פאר דער גאנצער צייט פון אונזער זיין אין אמט האָט קיינער פון אונזער קאָמיטע ניט רעזיגנירט און יעדער איינער פון דער קאָמיטע האָט געטהאָן דאָס בעסטע לויט זיינע פעהיגקייטען.

גלייך נאָך אונזער אינסטאָליישאָן האָבען מיר זיך געשטעלט אלס אונזער ערשטע אויפגאבע זיך גענוי צו בעקענען מיט דעם צוישטאנד אין בענעפיט דעפארטמענט. א דאנק דעם, וואס אין אונזער קאָמיטע זיינען געוועזן צוויי מעמבערס פון דער פאריגער קאָמיטע, מיט מעהר ערפאהרונג, איז אונז פיעל לייכטער געוועזן די ארבייט צו טהאָן.

אויסהערענדיג א בעריכט פון אונזער דזשענעראל סעקרעטער, פר. באַסקין, דאָס די קראנקען ראַטע האָט זיך פאר דער לעצטער צייט א הויב געטהאָן זעהר הויך, און עס איז דאָ אַ געפאהר דאָס דער רעגעלער אסעסמענט פון קראנקען בענעפיט וועט ניט זיין גענוג צו דעקען דיעזע פערגרעסערטע אויסגאבען, האָבען מיר אויסגעארבייט א רייהע פלענער ווי אזוי בעקאנט צו מאבען פאר דער ברייטער מעמבערשיפ דעם צושטאנד פון בענעפיט דעפארטמענט און אויך ווי אזוי בעסער צו קאָנטראָלירען דעם קראנקען בענעפיט פאָנד דורך די האָספיטעלער און סעקרעטערע, וועלבע זיינען די הויפט אויפפאסער פון קראנקען בענעפיט אין די ברענטשעס.

דערביי מוזען מיר בעמערקען, דאָס אונז איז אויסגעקומען צו פערהאנדלען זעהר פיעל קייסעס וועגען ניט ריכטיג אויסגעפילטע סערטיפיקייטס. און אזוי ווי מיר זיינען פעראינטערעסירט, דאָס דער קראנקער זאל ניט ליידען צוליעב דער נאבלעסיגקייט פון האָספיטעלער און סעקרעטערע, איז אונז אויסגעקומען זעהר פיעל צייט אוועקצוגעבען אויף צו בעזוכען די ברענטשעס אין ניו יארק (אויסער ניו יארק האָבען מיר איבערגעגעבען דיעזע קייסעס צו די ארטיגע סיטי און דיסטריקט קאָמיטעען), אום זיך גענוי צו בעקענען מיט די אומשטענדען און דאן האנדלען לויט די בעווייזע, וועלבע מיר האָבען אויסגעפונען.

## קאָנפערענצען פון האָספיטעלער און סעקרעטערע.

אום צו בעקענען די סעקרעטערע און האָספיטעלער מיט דעם צושטאנד פון דעם בענעפיט דעפארטמענט און זיך מיט זיי דורכצורעדען ווי איינצואורדנען א בעסערען קאָנטראָל אין די ברענטשעס, האָבען מיר פון זיי איינבערופען א רייהע קאָנפערענצען, וועלכע זיינען אָבגעהאלטען געוואָרען אין פאלגענדע שטעדט:

אין גרייטער ניו יארק — 3; פילאדעלפיא, באלטימאָר, נוארק, טרענטאָן, האַרטפאַרד, ניו הייווען, האָדסאָן קאונטי און פעטערסאָן.

ביי דיעזע קאָנפערענצען זיינען פון אונזערע פארשטעהער פארגעבראבט געוואָרען פערשיעדענע פראגען וואס אנבעלאנגט דעם בענעפיט דעפארטמענט, צווישען וועלבען עס האָט זיך אויך געפונען די פראגע וועגען דזשענעראל האָספיטעלער. מיט דיעזער פראגע זיינען מיר אויסען געוועזן אָנצואווייזען די נויטיגקייט פון א בעסערען קאָנטראָל איבער קראנקען בענעפיט און אויך אויסצוהערען די מיינונגען פון די דעלעגאטען צו די קאָנפערענצען וועגען דעם.

מיט צופריעדענהייט קענען מיר בעריבטען, דאָס דיעזע קאָנפערענצען זיינען געוועזן אַן ערפאלג במעט איבעראל. די סעקרעטערע און האָספיטעלער האָבען זיך מיט גרויס ערנסט בעצויגען צו אלע פראגען און זיך ווארים בעטייליגט אין די דעבאטען.

## א בראשורע מיט אינסטרוקציאנען צו האָספּיטעלער.

פון די בעריכטען ביי דיעזע קאָנפערענצען האָט זיך ארויסגעצייגט, דאָס א גרויסע צאָהל סעקרעטערע און האָספּיטעלער זיינען ניט גענוי בעקאָנט מיט די רולס און רעגולייישאָנס וועגען קראנקען בענעפיט. די אורזאכען זיינען פערשיעדענע: אין פיעלע ברענטשעס ווערען אלע 3 און 6 מאָנאטען ערוועהלט אנדערע האָספּיטעלער, און זיי האָבען ניט קיין געלעגענהייט זיך גענוי צו בעקענען מיט זייערע פליכטען; די קאָנסטיטושאָן, ווי עס איז לייחדער דער פאַל, ווערט פון א זעהר קליינער צאָהל מעמבערס געלעזען. מיר האָבען דארום אבגעדרוקט א בראָשורע מיט גענויע אינסטרוקציאנען פאר האָספּיטעלער און סעקרעטערע, וועלכע זיינען שוין ארויסגעשיקט געווארען אין די ברענטשעס פאר די אויבענדערמאָנטע בעאמטע.

דיעזע בראשורע מיט אינסטרוקציאנען וועט, אָהן צווייפעל, זיין א גרויסע הילף פאר די האָספּיטעלער און וועט זיי העלפען ריכטיג און געוויסענהאפט נאָכצוקומען זייערע פליכטען.

די פראגע פון דזשענעראל האָספּיטעלער איז ביי אלע

קראנקען בענעכיט אויסגעצאָהלט אין 1916 און 1917 לויט די עלטער פון די קראנקע מעמבערס.

| עלטער | מעמבערס. 1916 מעמבערשיפ | 1916 קראנקע | 1916 % | 1917 מעמבערשיפ | 1917 קראנקע | 1917 % | קראנקען בענעפיט אויסגעצאָהלט 1916 סומע | 1916 פער מעמבער | 1917 סומע | 1917 פער מעמבער |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 18 | 92 | 6 | 6.5 | 47 | 4 | 8.5 | $ 42 | $ 46 | $ 54 | $1.15 |
| 19 | 322 | 29 | 9.0 | 231 | 33 | 14.3 | 516 | 1.65 | 471 | 2.04 |
| 20 | 637 | 66 | 10.4 | 566 | 94 | 16.8 | 1104 | 1.73 | 1806 | 3.19 |
| 21 | 1006 | 145 | 14.4 | 889 | 137 | 15.4 | 2388 | 2.39 | 2442 | 2.75 |
| 22 | 1438 | 182 | 12.7 | 1326 | 190 | 14.3 | 2820 | 1.98 | 3399 | 2.56 |
| 23 | 1969 | 290 | 14.7 | 1750 | 291 | 16.6 | 5001 | 2.55 | 5094 | 2.90 |
| 24 | 2035 | 325 | 15.5 | 2276 | 327 | 14.4 | 5397 | 2.64 | 5886 | 2.59 |
| 25 | 2172 | 493 | 22.7 | 2298 | 350 | 15.3 | 6549 | 3.01 | 7029 | 3.06 |
| 26 | 2568 | 434 | 16.8 | 2451 | 399 | 16.3 | 7722 | 3.00 | 7437 | 3.04 |
| 27 | 2890 | 453 | 15.7 | 2720 | 381 | 14.0 | 8346 | 2.88 | 7365 | 2.73 |
| 28 | 3152 | 462 | 14.6 | 3219 | 465 | 14.1 | 8067 | 2.56 | 9480 | 2.88 |
| 29 | 3176 | 470 | 14.8 | 3338 | 484 | 14.5 | 9129 | 2.88 | 8580 | 2.58 |
| 30 | 3220 | 535 | 16.6 | 3445 | 489 | 14.2 | 9600 | 2.98 | 8679 | 2.52 |
| 31 | 3058 | 500 | 17.5 | 3247 | 510 | 15.7 | 9294 | 3.04 | 10230 | 3.13 |
| 32 | 2790 | 450 | 16.1 | 3206 | 448 | 13.9 | 8103 | 2.90 | 9075 | 2.82 |
| 33 | 2430 | 428 | 17.6 | 2960 | 425 | 14.6 | 7617 | 3.14 | 8781 | 2.96 |
| 34 | 2114 | 336 | 15.9 | 2549 | 376 | 14.7 | 6576 | 2.70 | 8199 | 3.20 |
| 35 | 1944 | 361 | 18.5 | 2318 | 303 | 13.1 | 6513 | 3.35 | 6804 | 2.94 |
| 36 | 1952 | 319 | 16.4 | 2057 | 293 | 14.2 | 6846 | 3.50 | 6333 | 3.08 |
| 37 | 1614 | 318 | 19.7 | 2103 | 302 | 14.2 | 6303 | 3.84 | 6360 | 3.02 |
| 38 | 1498 | 223 | 14.9 | 1709 | 262 | 15.3 | 4554 | 3.04 | 5688 | 3.33 |
| 39 | 1289 | 216 | 16.8 | 1532 | 258 | 16.8 | 4278 | 2.32 | 5832 | 3.80 |
| 40 | 1103 | 195 | 17.7 | 1254 | 205 | 16.7 | 3867 | 3.47 | 4497 | 3.88 |
| 41 | 888 | 202 | 22.7 | 1060 | 194 | 18.3 | 4662 | 5.26 | 4380 | 4.13 |
| 42 | 723 | 147 | 20.4 | 859 | 152 | 17.7 | 3753 | 5.20 | 3570 | 4.16 |
| 43 | 629 | 115 | 18.3 | 702 | 124 | 17.7 | 2496 | 3.98 | 3036 | 4.37 |
| 44 | 492 | 180 | 36.6 | 606 | 102 | 16.9 | 4134 | 8.38 | 2121 | 3.50 |
| 45 | 386 | 77 | 19.9 | 476 | 82 | 17,2 | 1710 | 4.43 | 1986 | 4.17 |
| 46 | 291 | 66 | 22.7 | 374 | 77 | 20.6 | 1722 | 5.93 | 1836 | 4.92 |
| 47 | 211 | 31 | 14.7 | 283 | 57 | 20.1 | 756 | 3.59 | 1344 | 4.75 |
| 48 | 163 | 39 | 23.9 | 198 | 42 | 21.2 | 828 | 5.08 | 1338 | 6.76 |
| 49 | 119 | 16 | 13.5 | 159 | 28 | 17.6 | 237 | 1.99 | 621 | 3.91 |
| 50 | 98 | 14 | 14.3 | 111 | 20 | 18.0 | 285 | 2.92 | 615 | 5.54 |
| 51 | 74 | 16 | 21.6 | 97 | 20 | 20.6 | 270 | 3.65 | 411 | 4.25 |
| 52 | 46 | 8 | 17.4 | 73 | 12 | 16.5 | 330 | 7.17 | 282 | 3.87 |
| 53 | 35 | 5 | 14.3 | 43 | 5 | 11.6 | 75 | 2.14 | 168 | 3.91 |
| 54 | 11 | 5 | 45.5 | 33 | 2 | 6.0 | 132 | 11.00 | 78 | 2.37 |
| 55 | 15 | 3 | 20.0 | 10 | 4 | 40.0 | 27 | 4.80 | 72 | 7.20 |
| 56 | 2 | 1 | 50.0 | 14 | 3 | 21.4 | 6 | 3.00 | 24 | 1.73 |
| 57 | 6 | 2 | 33.3 | 1 | — | — | 66 | 11.00 | — | — |
| 58 | — | — | — | 6 | — | — | — | — | — | — |
| 59 | 1 | — | — | — | 1 | — | — | — | 18 | — |
| טאָט. | 48659 | 8163 | | 52542 | 7951 | | $152,166 | | $161,421 | |

| עלטער | צאהל מעמבע'ס 1916 מעמ' בערשיפ. | 1916 קראנקע מעמ. צאהל | 1916 קראנקע מעמ. % | 1917 מעמ' בערשיפ | 1917 קראנקע מעמ. צאהל | 1917 קראנקע מעמ. % | קראנקען בענעפיט אויסגעצאהלט 1916 טאטאל | 1916 פער מעמ. | 1917 טאטאל | 1917 פער מעמ. |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| צווישען 18 און 25 | 9671 | 1536 | 15.9 | 9383 | 1426 | 15.2 | 23817 | 2.36 | 26181 | 2.79 |
| צווישען 26 און 30 | 15006 | 2354 | 15.7 | 15173 | 2218 | 14.6 | 42864 | 2.86 | 41541 | 2.74 |
| צווישען 31 און 35 | 12336 | 2075 | 16.8 | 14226 | 2062 | 14.5 | 38103 | 3.09 | 43089 | 3.03 |
| צווישען 36 און 40 | 7456 | 1271 | 17.0 | 8655 | 1320 | 15.2 | 25848 | 3.42 | 28710 | 3.32 |
| צווישען 41 און 45 | 3118 | 721 | 23.1 | 3703 | 654 | 17.7 | 16755 | 5.37 | 15093 | 4.08 |
| צווישען 46 און 50 | 882 | 166 | 18.8 | 1125 | 224 | 19.9 | 3828 | 4.34 | 5754 | 5.11 |
| צווישען 51 און 55 | 181 | 37 | 20.4 | 256 | 43 | 16.8 | 879 | 4.86 | 1011 | 3.94 |
| צווישען 56 און 60 | 9 | 3 | 33.3 | 21 | 4 | 19.0 | 72 | 8.00 | 42 | 2.00 |
| טאטאל — — — | 48659 | 8163 | | 52542 | 7951 | | $152166 | | $161421 | |

קאנפערענצען זעהר לעבעדיג דעבאטירט געווארען, און אבוואהל די מאיאריטעט האט זיך ארויסגעזאגט געגען דזשענעראל האס־פיטעלער אלס א צו ראדיקאלען מיטעל איבערצוגעהמען די גאנצע קאנטראל פון קראנקען בענעפיט דורכ'ן דזשענעראל אפיס, איז אבער געוועזען די אלגעמיינע איינפערשטענדניס, דאס די ברענטשעס אליין, דורך זייערע האספיטעלער און סעקרע־טערע, דארפען זעהן שאפען א בעסערען קאנטראל איבער דעם קראנקען בענעפיט.

עס האט זיך אויך ארויסגעצייגט א שטארקער סענטימענט ביי די ניו יארקער קאנפערענצען פאר דער איינפיהרונג פון דיסטריקט דאקטוירים. אייניגע ברענטשעס אין ניו יארק האבען זאגאר געמאכט א פערזוך זיך צו פעראייניגען אויף דאקטוירים אין געוויסע דיסטריקטען. מיר האבען זיך אבער איבערצייגט, דאס איינצופיהרען דיסטריקט דאקטוירים אין אלע שטעדט פון לאנד וועט זיין אונמעגליך. דיעזע איינריכ־טונג קען בלויז איינגעפיהרט ווערען אין עטליכע גרעסערע שטעדט. און מיט דעם ווערט דיעזע פראבלעם פערוואנדעלט פון אן אלגעמיינער אין א לאקאלער.

מיר גלויבען דאס די קומענדע בענעפיט קאמיטע וועט זיך מיט דיעזער פראבלעם מוזען פערנעמען און מיטהעלפען די ארטיגע ברענטשעס איינצופיהרען דיסטריקט דאקטוירים, וואו אזא פערזוך וועט נאר געמאכט ווערען.

דער גוטער רעזולטאט פון די קאנפערענצען מיט די סעק־רעטערע און האספיטעלער האט זיך באלד גענומען ארויסצייגען. ביי די ברענטש מיטינגען האט מען זיך אנגעהויבען מיט מעהר אויפמערקזאמקייט אינטערעסירען מיט דער פראגע פון קראנקען בענעפיט. די קראנקען סערטיפיקייטס, וועלכע זייגען אריינגעקומען אין אפיס האבען געצייגט, דאס דער קאנ־טראל איבער די בענעפיטס האט זיך פיעל פערבעסערט. און אויב דער סורפלוס אין קראנקען בענעפיט פאנד, וועלכער איז געוועזען ביי אונזער אריינטרעטען אין אמט ארום 16,000 דא־לאר, האט זיך ניט נאר ניט פערקלענערט, נאר ער צייגט א פערגרעסערונג פון בעגנויע 18,000 דאלאר (יעצט איז דער סור־פלוס 34,000 דאלאר), דארף א געוויסער טייל קרעדיט פאר דעם צוגעשריבען ווערען צו דיעזע קאנפערענצען.

## אינוואלידע מעמבערס.

די 17טע עהרליכע קאנווענשאן האט איבערגעגעבען צו דער בענעפיט קאמיטע די פראגע אויסצוארבייטען א רעקא־מענדיישאן וועגען שאפען א פאנד צו שטיצען אינוואלידען־מעמבערס פון ארב. רינג, דאס הייסט, אזעלכע מעמבערס, וועל־כע האבען שוין אבגענומען אלע זייערע בענעפיטס און זייער צושטאנד איז אזעלכער דאס זיי זיינען ניט אימשטאנד נאכ־צוקומען קיין בעשעפטיגונג אום צו פערדיענען אויף צום לע־בען.

די קאנווענשאן האט אנערקענט דאס עפעס מוז געטהאן ווערען אום צו פערלייכטערען די ברענטשעס אויסצוהאלטען זייערע אינוואלידען־מעמבערס. מאנכע ברענטשעס ווערען איינ־פאך רואינירט צוליעב דיעזע טרויעריגע פאסירונגען.

מיר האבען דיעזע פראגע גאנץ ערנסט אויפגענומען. מיר האבען ארויסגעשיקט א בריעף צו די ברענטשעס פערלאנגענ־דיג דאס יעדער ברענטש זאל אונז צושיקען די צאהל אינוואלי־דען־מעמבערס אויב ער האט אזעלכע. זעהר א קליינע צאהל האבען זיך אבגערופען אויף אונזער פערלאנג, ווי עס איז מיים־טענס דער פאל מיט צושריפטען פון אזא כאראקטער. פון דער קליינער צאהל ענטפערס האט זיך אבער ארויסגעצייגט, דאס עס געפינען זיך דאך א געוויסע צאהל אינוואלידע מעמ־בערס אין די ברענטשעס, און ליידער קען מען ערווארטען ביי די יעצטיגע צושטענדען אין לאנד, דאס זייער צאהל זאל זיך פערגרעסערען.

מיר האבען אויך געוואלט וויסען די מיינונג פון די ברענ־טשעס וועגען דער נויטיגקייט פון אזא מין פאנד און ביי אלע קאנפערענצען, וואס מיר האבען צוזאמענגערופען, האבען מיר דיעזע פראגע פארגעבראכט פאר די דעלעגאטען, און ביי אלע קאנפערענצען אהן אויסנאהמס האבען זיך די דעלעגאטען ענט־הוזיאסטיש ארויסגעזאגט פאר דיעזער איינריכטונג.

מיר האבען זיך אויך בעראטהען מיט אונזער מעדיקאל אדוויייזארי באארד, אום גענוי צו בעשטימען וואס עס מיינט אינוואלידען־מעמבערס און וועלכע עס זיינען בערעכטיגט צו די בענעפיטס פון אזא מין פאנד.

אונזער רעקאמענדיישאן וועגען דיעזער פראגע וועט איהר געפינען אויף דעם פלאץ וואו די רעקאמענדאציאנען פון אלע קאמיטעען געפינען זיך. און מיר האפען, פריינדע, דאס איהר וועט דיעזע רעקאמענדיישאן שענקען אייער ערנסטע אויפ־מערקזאמקייט און זי אננעהמען. ווייל נאך אונזער מיינונג, וועט עס זיין נאך א שעהנע אינסטיטוציע פאר דעם בענעפיט פון אונזערע מעמבערס.

## מעמבערס עט לארדזש און מעמבערס פון די קאונטרי ברענטשעס.

צום ערשטען מאל זינט דער עקזיסטענץ פון אונזער אר־דען האבען מיר איינגעפיהרט א רעפארמע, וועלכע איז נאך אונזער מיינונג פון גרויס וויכטיגקייט און האט שוין איצט ביז א געוויסען גראד געבראכט גוטע רעזולטאטען פאר דעם בענעפיט דעפארטמענט. מיר האבען, נעמליך, בעשלאסען, דאס יעדער מעמבער עט לארדזש, וועלכער געפינט זיך אין ניו יארק, אדער מעמבערס פון די קאונטרי ברענטשעס, וועלכע קומען קיין ניו יארק אויף א געוויסע צייט, זאלען אין פאל זיי ווערען קראנק באלד לאזען וועגען דעם וויסען אין דזשענעראל אפיס. די בענעפיט קאמיטע האט דיעזע אלע מעלדונגען געקראגען, און מיר אליין האבען אויף זיך גענומען די אויפגאבע צו בעזוכען די אלע קראנקע ביי זיי אין הויז.

די גוטע רעזולטאטען פון דיעזער דעפארם האבען זיך ארויסגעצייגט אין פאלגענדען: ערשטענס, האט דער מעמבער

עט לאַרדזש אדער פון דער קאונטרי, וועלכער איז קראַנק געווארען און געפיהלט זיך עלענד, אָהן פריינד, בעגריפען אז דער ארב. רינג אינטערעסירט זיך מיט איהם, און וואו ער זאָל ניט זיין וועט ער זיך שטענדיג געפינען צווישען פריינד. צווייטענס, איז ביז יעצט ניט געוועזן קיין קאָנטראָל אויף אזעלכע קראַנקען פעלע, די צאָהל פון וועלכע איז א גאַנץ בעדייטענדע. אזא מעמבער האָט בלויז בעדאַרפט אויסמאַכען אַן אַפידייוויט, אז ער איז געוועזן קראַנק אזוי פיעל און אזוי פיעל וואכען, און מען האָט איהם געמוזט אויסצאָהלען דעם בענעפיט.

אלסביישפּיעל אז פיעלע מיסברויכען זיינען געמאַכט געווארען, קען בלויז בעווייזען דער פאַקט דאָס בלויז פאַר א האלב יאָהר צייט זינט דיעזע רעפאָרמע איז פון אונז איינגעפיהרט געווארען, איז איינגעשפּאָרט געוואָרען עטליכע און צוואַנציג וואכען ניט געזעצליך־געקליימטע בענעפיט.

דריטענס, האָבען מיר פיעל מיטגעווירקט, דאָס די צאָהל מעמבערס עט לאַרדזש זאָל פערקלענערט ווערען, און דאָס איז אַן אויפגאַבע, וועלכע איז שוין פיעל מאָל בעשפּראָכען געוואָרען אין אונזער ארדען.

ניט קוקענדיג אויף דער שווערער ארבייט פון בעזוכען קראַנקע מעמבערס עט לאַרדזש און פון קאונטרי אין פערשיעדענע טהיילען פון שטאָדט, האָבען מיר אבער דיעזע ארבייט געטהאָן פּינקטליך. און מיר האָפען דאָס די קומענדע בענעפיט קאָמיטע וועט דיעזע ארבייט פאָרטזעצען און נאָך מעהר פערפאָלקאָמען. מיר זיינען זיכער דאָס עס וועט ברייגען נוצען סיי פאַר די קראַנקע און סיי פאַר׳ן ארבייטער רינג.

## קראַנקען בענעפיט אויסגעצאָהלט צו מעמבערס עט לאַרדזש.

| קוואַרטאַל נומער | צאָהל מעמבערס קלאַס 1, 2, 4 | קראַנקען בענעפיט אויסגעצאָהלט | אויסגעצאָהלטע סומע קראַנקען בענעפיט פאַר | קראַנקען בענעפיט דורכשניט פּער מעמבער |
|---|---|---|---|---|
| 66 | 1098 | 1584 | 988.20 | 1.442 |
| 67 | 1082 | 1005 | 973.80 | .929 |
| 68 | 1114 | 711 | 1,002.60 | .638 |
| 69 | 1145 | 804 | 1,030.50 | .702 |
| טאָטאַל | 4439 | 4104 | 3,995.10 | 3.711 |
| דורכשניט פּער קוואַרטאַל | 1,109.75 | 1,026 | 998,775 | .934 |

## מעדיקאַל אדווייזער באָארד.

די מעדיקאַל אדווייזערי באָארד, וועלכע בעשטעהט פון די פּראָמינענטסטע דאָקטוירים און איבערגעבענע, טרייע פריינד פון ארבייטער רינג, האָט אונז אויך דיעזען יאָהר, ווי אין די פריהעריגע יאָהרען, זעהר פיעל מיטגעהאָלפען אין פראַגען, וואס האָבען א שייכות מיט דער מעדיצינישער זייט אין בעצוג צו קראַנקען בענעפיט.

עס זיינען פאַר זיי פאָרגעבראַכט געוואָרען פיעלע קייסעס, אין וועלכע דער כאַראַקטער פון דער קראַנקהייט איז געוועזן צווייפעלהאַפט, און לויט זייער ראַטה האָבען מיר אימער געהאַנדעלט אין דיעזע פראַגען.

אויך אין דער ערוועהלונג פון דיסטריקט מעדיקאַל עקזאַמינערס האָבען מיר זיך אימער גערעכענט מיט זייערע רעקאָמענדיישאָנס.

אויף אונזער פערלאַנג האָט די מעדיקאַל אדווייזערי באָארד אויסגעאַרבייט יוניפאָרם־רולס פאַר אַלע דיסטריקט מעדיקאַל־עקזאַמינערס איבערן לאַנד, און דאָס וועט פיעל העלפען דאָס די אונטערזוכונגען פון נייע קאַנדידאַטען זאָלען ריכטיג דורכגעפיהרט ווערען איבעראַל.

אויף א געמיינשאַפטליכען מיטינג מיט דער מעדיקאַל־אדווייזערי באָארד האָבען מיר אויפגענומען די פראַגע וועגען דער אונבעשטימטקייט פון פרויען קראַנקהייטען. די קאָנסטיטושאָן שרייבט ניט פאַר גענוי דעם כאַראַקטער פון פרויען קראַנקהייטען, און מיר האָבען זיך אימער אָנגעשטויסען אַן געוויסע שוועריגקייטען אין בעצוג אויסצאָהלען בענעפיט פאַר אזעלכע קראַנקהייטען. מיר האָבען דאַרום אויפגעפאָדערט די מעדיקאַל אדווייזערי באָארד אויסצואַרבייטען א בעשטימטע ליסטע פון פרויען קראַנקהייטען פאַר וועלכע קיין בענעפיט ווערט ניט געצאָהלט. און זיי האָבען אזא ליסטע אויסגעאַרבייט.

די מעדיקאַל אדווייזערי באָארד האָט פאַר אונז אויך פאָרגעבראַכט די פראַגע וועגען דער נויטיגקייט איינצופיהרען אַן אורין־עקזאַמיניישאָן פאַר נייע קאַנדידאַטען. לויט די סטאַטיסטיק וואס זיי האָבען געזאַמעלט, צייגט זיך ארויס דאָס א גרעסערער פּראָצענט פון די ניי אריינגעקומענע מעמבערס ווערען קראַנק אויף נירען קראַנקהייט ווי פון האַרץ קראַנקהייט. דאָס קומט דערפון, וואס וועהרענד ביים אונטערזוכען נייע קאַנדידאַטען ווערט די האַרץ גענוי עקזאַמינירט, ווערט אבער קיין אורין־עקזאַמינעישאָן, דורך וועלכע מען וואָלט געקענט גענוי אויסגעפינען די סימפּטאָמען פון נירען קראַנקהייט ניט געמאַכט.

מיר האָבען איינגעזעהן די נויטיגקייט צו ברייגען דיעזע רעקאָמענדיישאָן צום קאָנווענשאָן, און מיר האָפען, דאָס איהר וועט דיעזע פראַגע שענקען א ערנסטע אויפמערקזאַמקייט.

עס וואָלט זיכער א סך געלד געשפּאָרט דעם בענעפיט דעפּאַרטמענט, און זאָגאַר פערקלענערט די צאָהל טויטען־פעלע, ווען אזא אורין עקזאַמינעישאָן וואָלט איינגעפיהרט געוואָרען.

## געשטראָכענע מעמבערס און בענעפיט.

מיר ציהען אייער אויפמערקזאַמקייט, פריינד דעלעגאַטען, צו דער פאָלגענדער רעקאָמענדיישאָן, וועלכע די פריהעריגע בענעפיט קאָמיטע האָט געוואָלט רעקאָמענדירען צו דער 17טער קאָנווענשאָן, נאָר איז לײדער דורך א פערזעהן ניט אריין אין זייער רעפּאָרט:

געשטראָכענע מעמבערס, נאָכדעם ווי זיי ווערען רעאינסטייטעט אין אפיס, זאָלען ערשט זיין בערעכטיגט צו קראַנקען בענעפיט נאָך 2 וואָכען פון זייער רעאינסטייטמענט.

לויט דער ערפאַהרונג וואס מיר האָבען געהאַט אין פערלויף פון אונזער זיין אין אמט, ווייזט זיך ארויס, דאָס פיעלע געשטראָכענע מעמבערס רעאינסטייטען זיך בלויז דעמאָלט ווען זיי דערפיהלען זיך קראַנק און קענען ציהען בענעפיט, זאָנסט וואָלטען זיי זיך ניט רעאינסטייטעט. ווען אָבער אזעלכע מעמבערס וועלען וויסען, דאָס זיי זיינען בערעכטיגט צו בענעפיט ערשט 2 וואכען נאָך זייער רעאינסטייטמענט, וועט עס פיעלע פון זיי אָבהאַלטען פון צו לאָזען זיך שטרייכען. אויך וואָלט עס זיכער איינגעשפּאַרט פיעלע וואכען קראַנקען בענעפיט דעם דעפּאַרטמענט.

מיר דענקען, פריינד, דאָס דיעזע רעקאָמענדיישאָן איז זעהר א וויכטיגע און מיר האָפען דאָס איהר וועט איהר אָננעהמען.

## אונזערע בעציהונגען צו די אַנדערע נאַציאָנאַלע קאָמיטעען.

אונזערע בעציהונגען צו דער נאציאָנאַלער ארגאַנזאציאָנס קאָמיטע, מיט וועלכער מיר זיינען געשטאַנען אין זעהר ענגע פערבינדונגען, זיינען געוועזן די בעסטע. אין פיעלע פעלע איז אונז אויסגעקומען זיך צו ווענדען צו זיי, צו פערטרעטען די אינטערעסען פון דעם בענעפיט דעפּאַרטמענט, ווען זיי איז אויסגעקומען [illegible] אין פערשי[illegible]נע שטעדט וועגען ארגאַניזאציאָנס ארבייט. און מיט פערגעניגען קענען מיר זאָגען דאָס זיי האָבען שטענדיג אונזער פערלאַנג צופריעדענשטעלענד ערפילט.

אויך איז אונז אָפט אויסגעקומען צו זיין אין פערבינדונג מיט דער גריוועַנס קאָמיטע, דורך געוויסע אַפּיעלס פון בראַנטשעס און מעמבערס געגען אונזערע בעשליסע, און זיי האָבען שטענדיג אויפמערקזאַם אויסגעהערט אונזערע פערטרעטער און

געהאנדעלט אין איינקלאנג מיט דער קאָנסטיטושאָן פון ארבייטער רינג. דיזעלבע גוטע און פריינדליכע בעציהונגען האָבען געהערשט צווישען אונזער קאָמיטע און די אַנדערע קאָמיטעען. און מיר האָבען זיך זיכער ניט וואס צו בעקלאָגען אויף זייערע בעציהונגען צו אונז. מיר האָבען געארבייט אין פאָלקאָמענע הארמאָניע. אויך האָבען די מעמבערס פון אונזער קאָמיטע אטענדעט צו זייערע פליכטען אלס פערטרעטער פון דער גאנצער פערוואלטונג, און מיטגעהאָלפען אין דעם ערפאלג פון דער גאנצער עקזעקוטיוו קאָמיטע.

## שלום ווארט.

פריינדע רעלעגאטען, ביים שליסען דעם רעפּארט פון אונזער טעטיגקייט פאר דעם לעצטען יאהר, בעדאנקען מיר אייך און די גאנצע מעמבערשיפ פון ארב. רינג פאר דעם צוטרויען וואס איהר האָט אונז געשאָנקען, און מיר האָפען דאָס די קומענדע בענעפיט קאָמיטע וועט פארטזעצען אונזער ארבייט נאָך מיט מעהר ערפאלג און מאכען דעם ארב. רינג גרעסער, שעהנער און שטארקער.

נאַציאָנאַלע בענעפיט קאָמיטע א. ר.

# בעריכט פון דער דושענעראל מעדיקאל אדוויזארי באארד

בעפאָר איך וועל געהן ווייטער מיט מיין רעפּאָרט, וויל איך, אין נאָמען פון מעדיקאל באָארד, אויסדריקען אונזער טרויער איבער דעם פערלוסט פון אונזער בעליעבטען קאָלעגע און מיטקעמפפער, חבר דר. פּאול קאפלאן.

דער פערגאנגענער יאהר האָט זיך אויסגעצייבענט דורך א פאָלקאָמענע הארמאָני צווישען די מעדיקאל אדווייזאָרי באָארד און די עקזעקוטיוו קאָמיטע. איבערהויפּט איז די בענעפיט קאָמיטע אימער געווען גרייט צוצוהערען זיך און, וואו מעגליך, דורכפיהרען די רעקאָמענדיישאָנס, וואָס דער באָארד האָט דורב'ן יאָהר געמאַכט. איינגיע פון דיזע רעקאָמענדיישאָנס זיינען אָבער ניט פון א לאָקאַלען כאראקטער און זיינען ניט געווען אונטער די יורידיקציע פון דער בענעפיט קאָמיטע. וועגען דיזע רע אָמענדיישאָנס וועל איך יעצט רערען.

די מעדיקאל באָארד האָט געפונען פאַר נויטיג פּאָרצושלאָגען א העלטה עקסטענשאָן סיסטעם. דאָס הייסט, אַז יעדער מעמבער, וועלכער איז 40 יאָהר און אריבער 40 יאָהר אַלט, זאָל פרייוויליג און אויב נויטיג אויך זיין געצוואונגען אונטערזוכט צו ווערען אם ווענינגסטענס איין מאָל אַ יאָהר פון אַ קאָמפּעטענטען אַרצט, וועלבען די עקזעקוטיווע וועט אָנשטעלען. דאָס אייגענטליך איז שוין ניט קיין נייעס. אַזעלכע סיסטעמען זיינען שוין איינגעפיהרט געוואָרען פון פיעלע אַנדערע פערזיבערונגס־געזעלשאַפטען ווי אויך פון וואָהלטהעטיגע געזעלשאַפטען. אַזאַ סיסטעם קען ניט נאָר איינשפּאָרען פיעל געלד צום ארבייטער רינג, ער פיהרט אויך צו א לעבענס־פערלענגערונג פון זיינע מיטגליעדער.

עס זיינען דאָ געוויסע קראַנקהייטען, וועלכע זיינען אין אָנפאַנג נישט בעמערקבאר פון דעם ליידענדען און וועלבע קענען פיהרען צו זעהר שווערע רעזולטאַטען און פערקירצונג פון לעבען. גאַניז אָפט קען מען אַזעלכע קראַנקהייטען אין גאַנצען פערהיטען, אָדער אַזוי פערלייכטערען, אַז דער פּאַציענט זאָל קענען פערבלייבען אַ ניצליכער מיטגליעד פון דער געזעלשאַפט.

אין בעצוג צו פרויען קראַנקהייטען, אַ פראַגע וועלכע האָט אימער פעראורזאַכט שוועריגקייטען פאַר דער עקזעקוטיווע, איז פערהאַנדעלט געוואָרען ביי דער באָרד. די מעדיקאל באָארד האָט בעשלאָסען, אַז נאָר אַזעלכע קראַנקהייטען, וועלכע זיינען דער רעזולטאַט פון געשלעכטס־בעציהונגען, זאָלען בעטראַכט ווערען אַלס פרויען קראַנקהייטען. דאָס הייסט, אַלע וועגערייטע קראַנקהייטען, קראַנקהייטען וועלבע זיינען פערבונדען מיט שוואַנגערען, געבורטה, אָדער פון זייגען אַ קינד, זאָלען ניט בעקומען קיין בענעפּיט. פאַר צוצויגענע גערערען אָדער מירירען ביי א פרוי, וואָס האָט קינדער, זאָל ניט געצאָהלט ווערען קיין בענעפיט. פון דער אנדער האנד, אַלע פרויען קראַנקהייטען, וועלכע זיינען דער רעזולטאַט אָדער פון נייע געוויקסע אָדער פון אַנדערע סיסטעמישע קראַנקהייטען, וועגערישע אויסגעשלאָסען, זאָלען זיין בערעכטיגט צו קראַנקען בענעפיט.

די אינוואַלידען פראַגע איז פערהאַנדעלט געוואָרען אין פאָלגענדען אופן: אן אינוואַליד הייסט דער פּערזאָן, וועלכער קען זיך אין גאַנצען ניט בעוועגען אָדער אַ מענש, וועלכער דורך אַ געוויסע פיזישע אורזאַכע קען ניט פערפאָלגען קיין שטענדיגע בעשעפטיגונג. די אינוואַלידען ווערען צוטיילט דאַדורך אין צוויי קלאַסען. ערשטענס, די וועלכע קענען גאָר ניט אַרבייטען. אַזעלבע זאָלען וואו מעגליך אַריינגעגעבען ווערען אין פּאָבליק אינסטיטושאָנס, צום ביישפּיעל אַ מענש, וועלבער איז אין דער לעצטער שטופע פון קאָנסאַמפּשאָן אָדער וועלכער איז פּאָלקאָם פּאַראַליזירט. די באָארד רעכנט, אַז עס איז ווינשענסווערטה, אַז דער ארבייטער רינג זאָל זיך בעטייליגען אין אַזעלבע אינסטיטושאָנס, דורך יעהרליכע קאָנטריביושאָנס. צווייטענס, אַזעלכע אינוואַלידען, וועלכע קענען ניט טהאָן זייער רעגעלע שטענדיגע ארבייט, דאָך וואָלטען זיי געקענט פערדיענען פאַר זיך גענוג דורך אירגענד וועלכע אַנדערע בעשעפטיגונגען, צום ביישפּיעל, די וועלכע ליידען אויף אַ לייכטער פאָרמע פון טובערקולאָסיס אָדער לייכטע אַסטמאַ, אָדער איינִיגע פאָרמען פון לייכטען פּאַראַליז. אַ ספּעשעל באָארד, וועלכע זאָל גערופען ווערען דער אינוואַלידען באָארד, זאָל געשאַפען ווערען. עס איז דורכאויס ווינשענסווערטה, דאָס קיין דאָקטאָר זאָל צו דיעזער באָארד ניט בעלאַנגען. זי זאָל אין גאַנצען בעשטעהן פון ניט קיין פּאַך־לייטע. דיעזע באָארד זאָל אָנשטעלען אַ גאַניז קאָמפּיטענטען אַרצט, און האַנדלען לויט די רעקאָמענדיישאָנס פון דיעזען אַרצט. די פליכט פון דיעזער באָארד זאָל זיין צו שטעלען אַ פּאָלקאָמענע דיאַגנאָז און רעקאָמענדירען אַ פּאַסענדע בעשעפטיגונגען פאַר'ן אינוואַליד.

מיר ווילען בעטאָנען, אַז מענשען, וועלכע ליידען פון אירגענד וועלכע גייסטיגע קראַנקהייט, נורעסטיניא, סייקאָסטיניאַ און היסטעריאַ אַריינגערעכענט זאָלען ניט בעטראַכט ווערען אַלס אינוואַלידען.

מיר האָבען אויך דורכגעזעהן די סטאַטיסטיקס, וואָס דער אָפּיס האָט צוגעשטעלט, און מיט פרייד קענען מיר זעהן, אַז דער פּראָצענט פון טובערקולאָזיס, וועלכער דער ארבייטער רינג גיט, איז ערשטענס אַ סך קלענער ווי אין די פריהערדיגע יאָהרען, און צווייטענס בעדייטענד קלענער ווי מ'האָט ערוואַרטעט פון דעם עלעמענט, פון וועלבען דער ארבייטער רינג איז צוזאַמענגעשטעלט. טובערקולאָסיס גיט ביי אונז אַביסעל מעהר ווי 1 פּראָצענט. נירען קראַנ הייט ניט אַ דריטעל פון אַ פּראָצענט. אין פערגלייך מיט טובערקולאָסיס גיבט נירען קראַנקהייט אַ גאַניז היבשע פּראָצענט. עס איז דאַדורך ווינשענסווערטה, אַז די יורין זאָל אונטערזוכט ווערען פון יערען קאַנדידאַט, וועלכער טרעט אַריין אַלס מיטגליעד.

די באָארד האָט אויך אָנגעשטעלט ספּעציאַליסטען אין פערשיעדענע מעדיצינישע אבטיילונגען, וועלבע ווערען קאָנסולטירט אין בעצוג פערשיעדענע פראַגען פון קאַנדידאַטען.

מיר ווילען נאָך אַמאָל ציהען אייער אויפמערקזאַמקייט אויף דער נויטווענדיגקייט פון ענדערען די סיסטעם פון די ברענטש דאָקטוירים אויף דיסטריקט דאָקטוירים. די פּראַקטיק האָט אונז געצייגט, אַז אַזאַ סיסטעם, וועלכער עקזיסטירט יעצט,

איז ניט קיין פּאַסענדע. מיר ווייסען אַז די פראַגע פון דיסטריקט דאָקטוירים איז לײדער אַ קאָמפּליצירטע, ווייל זי קאָן נאָר אײנגעפיהרט ווערען אין גרויסע שטעדט מיט אַ גרויסע צאָהל ברענטשעס פון אַרבייטער רינג, אָבער מיר האָפען, אַז די דעלעגאַטען וועלען אין דיזער פראַגע דאָך געפינען אַ וועג אַז אין די גרויסע שטעדט, וואו נאָר עס איז מעגליך, זאָלען די דיסטריקט דאָקטוירים אײנגעפיהרט ווערען.

די מעדיקאַל באָאַרד האָט אויך געפונען פאַר פּאַסענד, אַז אײנער פון אונז זאָל אַנוועזענד זיין ביי די מאָנאַטליכע עקזעקוטיווע מיטינגען, אַלס דעלעגאַט פון מעדיקאַל אַדווייזאָרי באָאַרד. דער מעדיקאַל דעלעגאַט האָט ניט קיין רעכט צו וואָטען, ער האָט אבער יאָ א רעכט צו נעהמען אן אנטייל אין איר־גענד וועלכע מעדיצינישע פראַגע, וואָס קומט פאָר ביים מיטינג.

די באָאַרד האָט אויך אָנגעגעבען אַלס ווינשענסווערטה צו אײנפיהרען היגיענישע לעקטשורס.

צום שלוס ווילען מיר נאָך אַמאָל אויפמערקזאַם מאַכען די דעלעגאַטען אויף דער נויטווענדיגקייט פון אַ ריכטיגען מעדיצינישע סיסטעם אין דעם אַרבייטער רינג אין אַלע פּאָרמען, וואו אַזעלכע איז מעגליך אײנגעפיהרט צו ווערען. מיר די מעדיקאַל אַדווייזאָרי באָאַרד, פון אונזער זייט, זיינען אימער געווען גרייט מיט צוהעלפען אין דיזער אַרבייט און מיר וועלען אויך אויף ווייטער טהאָן אַלעס וואָס עס וועט זיין פון אונז אָבהענגיג צו מאַכען זיך ניצליך דעם אַרבייטער רינג.

מיט פריינדליכען גרוס,

מעדיקאַל אַדווייזאָרי באָאַרד,

דר. הײמאַן קלימענקאָ, סעקרעטער.

# בעריכט פון דער סאניטאריום קאמיטע

ר. גוסקין, טשערמאַן.

מ. וואָלבערג, דר. ס. סילווערבערג, מ. פּערלאָוויץ, א. אדלער.

**צו די דעלעגאַטען פון דער 18טער יעהרליכער קאָנווענשאָן און צו אַלע מעמבערס פון אַרבייטער רינג.**

ווערטהע פריינדע! צו זיין 9טער יעהריגער עקזיסטענץ האָט אונזער סאַנאַטאַריום עררייכט א שטופע, וואס די גרינדער פון סאַנאַטריום האָבען, פיליכט, ניט גע'חלומ'ט. אונזער סאַנאַטאַריום איז יעצט א מאָדערנער אנשטאַלט, וואס האָט זיך אין פיעלע הינזיכטען ניט וואס צו שעהמען אין פערגלייך מיט די גרעסטע סאַנאַטאַריומס אין לאַנד.

אמת, אונזער סאַנאַטאַריום איז ניט קיין פאָלקאָמענהייט, נאָר ווי זאגט די וועלט: „רוים איז אין איין טאָג ניט אויפגעבויט געוואָרען”. מיר קענען אבער זיין שטאָלץ דערויף, וואס אונזער סאַנאַטאַריום פּראָגרעסירט כסדר אין פערלויף פון דער צייט: אויסבעסערונגען ווערען אונאויפהערליך געמאַכט יעדען יאהר, יעדען מאָנאַט, יעדע וואָך. און אָפט פון אַזעלכע קליינע טאָג־טעגליכע אויסבעסערונגען, וועלכע זיינען מאַנכעסמאָל זאגאר אונבעמערקבאַר, ענטוויקעלט זיך ביסלעכווייז אונזער סאַנאַטאַריום צו ווערען אן אָנגעזעהענער אנשטאַלט ניט בלויז אַלס מוסטער פאַר דער אידישער אַרבייטער בעוועגונג, נאָר אויך פאַר דער אויסערליכער וועלט.

עס איז איבעריג צו זאגען, אַז די פערוואַלטונג פון אונזער סאַנאַטאַריום, ווי די פערוואַלטונג פון יעדען דעמאָקראַטישען אנשטאַלט, איז פערבונדען מיט אונגעהויער גרויסע פעראַנטוואָרטליכקייט. אונזער קאָמיטע האָט געפיהלט דיזע פעראַנטוואָרטליכקייט, און האָבענדיג אין זינען די בעקוועמליכקייט און דעם וואָהלזיין פון די פּאַציענטען, ווי אויך די אַלגעמיינע אינטערעסען פון גאַנצען אָרדען, האָט זי ניט געזשאָלעוועט קיין צייט און מיה און געטהאָן אַלעס אין איהרע קרעפטען, אַז דער סאַנאַטאַריום זאָל איבערגעגעבען ווערען צו דער נייער פערוואַלטונג אין א בעסערען און שעהנערען צושטאַנד, ווי ער איז געווען מיט א יאהר צוריק. מיר האָבען אין דיזען הינזיכט ניט פערפעהלט בייצושטייערען אונזער חלק, אויף וויפיעל דאָס איז געווען מעגליך אונטער די אומשטענדען.

---

לעצטען יאהר האָט דער בילדינג פאָנד געהאט א דעפיציט פון 7,772.62 דאָלאַר. דיזען יאהר, ווי עס איז צו זעהן פון די ציפערען, האָט דער פאָנד א באַלאַנס פון 1,028.74 דאָל.

דער בילדינג פאָנד האָט דיזען יאהר אי גערעקט דעם דעפיציט אי געקראָגען א סורפּלוס פאַר'ן נעקסטען יאָהר. דער גערעקטער דעפיציט פון לעצטען יאָהר, צוזאַמען מיט דעם סורפּלוס בעטרעפען 8,801.36 דאָלאַר. דיעזען יאָהר האָט דער בילדינג פאָנד גע־דאַגען 10 סענט א קוואַרטאַל פון די מעמבערס פון 1טען, 2טען און 4טען קלאַס, אנשטאַט 5 סענט ווי אין 1916. אזוי ווי די גאַנצע אײננאַהמע פון דיוס האָט בעטראָפען 22,269.78 דאָלאַר, הייסט עס, אַז צוליעב דער העכערער אַססעסמענט איז ארייגעקומען מעהר מיט 11,134.89 דאָלאַר, ווי אין פאַל די צאָהלונג וואָלט געווען בלויז 5 סענט פּער מעמבער פּער קוואַרטאַל. רעכענט אַרונטער פון 11,134.89 די סומע פון 8,801.36 דאָלאַר (דער סורפּלוס פון היינטיגען יאהר און דער דעפיציט פון לעצטען יאהר) בלייבט 2,333.53 דאָלאַר. דיזע ציפערען צייגען, אַז ווען עס וואָלט לעצטען יאהר ניט געווען אָנגענומען געוואָרען די רעקאָמענדיישאָן צו העכערען די צאָהלונגען פון 5 אויף 10 סענט, וואָלט דער בילדינג פאָנד אנשטאַט א סורפּלוס, ווי ער האָט יעצט, געהאַט דעם פריהעריגען דעפיציט פון 7,772.62 דאָלאַר מיט נאָך 2,383.53 דאָלאַר, דאָס הייסט, אַז דער בילדינג פאָנד וואָלט יעצט, אנשטאַט א באַלאַנס פון 1,028.74 דאָלאַר, געהאַט א דעפיציט פון 10,156.15 דאָלאַר. עס איז כדאי צו דערמאָנען אַז אין די אויסגאַבען פון בילדינג פאָנד געהט אויך אריין די סומע פון 4,940.00 דאָלאַר פאַר דעפּרישיאיישאָן פון די בילדינגס. דאָס איז פאַקטיש ניט קיין אויסגאַבע, נאָר בלויז א בוך־קיפּינג טראַנסעקשאָן.

וואָס אַנבעלאַנגט דעם אויפהאַלטונגס פאַנד צייגען די ציפערען, אַז סך הכל אײננאַהמע איז דיזען יאהר געווען 64,215.40 דאָלאַר. לעצטען יאהר האָט דער פאָנד געהאט סך הכל אײננאַהמע 46,793.14 דאָלאַר, מיט 17,422.26 דאָלאַר מעהר ווי לעצטען יאָהר. לעצטען יאהר איז דער באַלאַנס געווען 5,196.26 דאָלאַר, דיזען יאהר בעטרעפט דער באַלאַנס 270.66 דאָלאַר, דאָס הייסט דער סורפּלוס איז פערקלענערט געוואָרען אויף 4,925.60 דאָלאַר. ווען איהר רעכענט צוזאַמען די 17,422.26 דאָלאַר וואָס זיינען אריינגעקומען מעהר דיעזען יאהר מיט די 4,925.60 דאָלאַר וואָס דער באַלאַנס איז פערקלענערט געוואָרען, צייגט עס, אַז דיעזען יאהר האָט דער אויפהאַלטונגס פאָנד אויסגעגעבען מעהר ווי לעצטען יאהר מיט 22,347.86 דאָלאַר. אבער אין פערלויף פון לעצטען יאהר זיינען אין סאַנאַטאַריום אריינגעקומען בלויז 106 נייע פּאַציענטען, ווען אין דיעזען יאהר זיינען אריינגעקומען אַזעלכע פּאַציענטען

163, מיט 57 פּאציענטען מעהר. אדער בעסער געזאגט, מיט 4 מעהר ווי העלפט פון דער צאָהל וואס איז געווען לעצטען יאהר. אין 1916 האָבען די אויסגאבען פון אויפהאלטונגס פאָנד,

## דער אויפהאַלטונגס פאָנד.

| איינגאהמע: | |
|---|---|
| דיום פון מעמבערס — — — — — — — — | $44,095.57 |
| אראבערבעכענענדיג דעם פערלוסט פון געשטראָבענע מעמבערס — — — — — — | 1,047.33 |
| בלייבט א נעט איינגאהמע — — — — — | 43,048.24 |
| פון דזשענעראל אפיס פאר 163 פּאציענטען | 16,300.00 |
| פאר שפייז פראדוקטען — — — — — — | 1,293.07 |
| פון לייבאר ליעג פּאציענטען — — — — | 1,057.50 |
| עקסטרא טשארדזשעס פאר פּאציענטען (לענגער פון 6 מאָנאטען) — — — — — | 2,616.59 |
| סך הכל איינגאהמע — — — — — — — | 64,315.40 |
| אויסגאבען — — — — — — — — — | 69,241.00 |
| דעפיציט — — — — — — — — — — | 4,925.60 |
| באלאנס פון לעצטען יאהר — — — — — — | 5,196.26 |
| בלייבט א באלאנס אנפאנג 1918 — — — | 270.66 |

## בילדינג פאָנד.

| איינגאהמע: | |
|---|---|
| די איינגאהמע פאר דעם סאנאטאריום בילדינג פאָנד איז געווען צו 10 סענט א קווארטאל די מעמבערס פון ערשטען, צווייטען און פערטען קלאַס. | |
| דיום פון מעמבערס — — — — — — — — | $22,741.61 |
| אראפרעכענענדיג דעם פערלוסט פון געשטראָבענע מעמבערס — — — — — — | 471.83 |
| האָבען מיר א נעט איינקונפט פון דיום — | 22,269.78 |
| פון דאָנייש׳אַנס — — — — — — — — | 893.61 |
| 10 פּראָצענט דעפּרישיאיישאַנס פון פורני־טשור און פיקטשורס — — — — — — | 1,622.69 |
| איינקונפט פון אונטערנעהמונגע — — — | 75.99 |
| סך הכל איינגאהמע — — — — — — — | 24,862.07 |
| דעפיציט פון לעצטען יאהר — — — — | 7,772.62 |
| באלאנס — — — — — — — — — — | 17,089.45 |
| אויסגאבען — — — — — — — — — | 16,060.71 |
| ארונטערנעהמענדיג די איינגאהמע פון די אויסגאבען, האָבען מיר אלזא, דיזען יאהר א באלאנס אין דעם בילדינג פאָנד אויף דער סומע פון — — — — — — — | 1,028.74 |

— ווען עס זיינען אריינגעקומען 106 נייע פּאציענטען — בעטראָפען 48,018.32 דאָלאר. אזוי ווי דיעזען יאהר זיינען געווען מיט 4 מעהר ווי העלפט נייע פּאציענטען, ווי לעצטען יאהר, האָבען די אויסגאבען געדארפט זיין מיט אונגעפעהר 25,000.00 דאָלאר מעהר. ווען די פרייזען פון לעבענסמיטלען וואָלטען דעם יאהר געווען ניט העכער, נאר די זעלבע וואס פאר א יאהרען, וואָלטען די סך הכל אויסגאבען פון דעם פאָנד געדארפט זיין ארום 73 טויזענד דאָלאר. די אויבען־אָנגעגעבענע ציפערען צייגען, אז דער אויפהאלטונגס־פאָנד האָט אין יאהר 1917 גע־האט אויסגאבען אויף דער סומע פון 69,241.00 דאָלאר.

אויך ווען מיר פערגלייכען די צאהל פּאציענטען וואס איז געווען אין סאנאטאריום דורכשניטליך יעדען טאג, צייגט עס פאלגענדעס:

אין 1917 איז געווען דורכשניטליך פער טאג 64.8 פּא־ציענטען, אין 1916 איז געווען 47.2 פּאציענטען דורכשניטליך יעדען טאָג, אין יאהר 1917 איז אויף אזא אופן געווען דורכ־שניטליך מיט 37.5 פּראצענט מעהר פּאציענטען, ווי אין 1916.

די אלגעמיינע אויסגאבען זיינען דיעזען יאהר פערגרע־סערט געוואָרען אויף 74.97 פּראצענט. ארונטעררעכענענדיג 37.5 פון 47.97 צייגט, אז די פערגרעסערונג פון די אויסגאבען זיינען געווען מיט 10.47 פּראצענט מעהר, ווי די פערגרעסערונג פון דער צאָהל פּאציענטען. די פערגלייכונגס טאבעלע פון שפייז צייגט אָבער, אז אין יאהר 1917 זיינען די פרייזען פון שפייז געשטיעגען אויף 23.4 פּראצענט מעהר, ווי לעצטען יאהר. די סך הכל אויסגאבען אויף שפייז אין 1917 האָבען בעטראָ־פען 34,725.81 דאָלאר, אדער ארום 45 פּראצענט פון די אל־געמיינע אויסגאבען פון אויפהאלטונגס פאָנד. ווען איהר כפל׳ט די 45% אויף די 23.4% וואס די פרייזען אין שפייז זיינען אין 1917 געשטיעגען מעהר ווי לעצטען יאהר, קריגט איהר 10.55% (23.4×45=10.55).

דאָס צייגט גאנץ דייטליך, אז דאָס וואס די אויסגאבען זיינען דיעזען יאהר געווען גרעסער, ווי די פּראָפּארציאָנעלע פערגרעסערונג פון דער צאָהל פּאציענטען אין פערגלייך מיט לעצטען יאהר, איז עס נאָר א דאנק דעם, וואס די פרייזען אויף שפייז זיינען געשטיעגען.

ניט קוקענדיג אויף דיעזען יקרות איז די פער קעפּיטא פון אויפהאלטען א פּאציענט ניט פיעל געשטיעגען אין פערגלייך מיט לעצטען יאהר. ווי די פערגלייכונגס טאבעלע פון די דורכ־שניטליכע אויסגאבען צייגען, זיינען די אויסגאבען פון אויפ־האלטען יעדען פּאציענט א טאָג געווען 2.73 דאָלאר אין 1916, און 3.05 דאָלאר א טאָג אין פערלויף פון יאהר 1917.

ווען מען נעהמט אין אנבעטראכט דעם גרויסען יקרות פון דיעזען יאהר, קען מען האָבען א בעגריף, אז אונזער אדמיניס־טריישאָן איז געווען גענוג עקאָנאָמיש. מיר האָבען אָבער קיינ־מאָל ניט געמאכט קיין עקאָנאָמיע אויף׳ן חשבון פון די פּא־ציענטען. זיי האָבען, ווי אימער, געקראָגען די בעסטע און די פרישסטע פּראָדוקטען און זיינען אין קיין זאך ניט געריוודעט געוואָרען.

## בעצאָהלטע פּאציענטען.

לעצטען יאהר האָט די סאניטאריום קאָמיטע רעקאָמענ־דירט צו דער קאָנווענשאָן, אז פרויען, קינדער, שוועסטער און ברידער פון מעמבערס זאָלען קענען אריינגענומען ווערען אין סאנאטאריום מיט א בעשטימטע געצאָהלטעס, ניט אכטענדיג דערויף וואס זיי אליין זיינען ניט קיין מיטגליעדער פון ארב. רינג. לויט דעם בעשלוס פון קאָנווענשאָן און דעם אלגעמיינעם רעפערענדום איז אָנגענומען געוואָרען, דאָס בלויז פרויען און קינדער פון מעמבערס זאָלען קענען אריינגענומען ווערען אלס בעצאָהלטע פּאציענטען.

אין פערלויף פון יאהר זיינען געווען 12 מענער, עקס־פּא־ציענטען אלס בעצאָהלטע פּאציענטען. דיעזע זיינען געווען אין סאנאטאריום, איידער דער קאָנווענשאָן רעפערענדום איז אריין אין קראַפט. פרויען פון מעמבערס זיינען געווען 12 אלס בעצאָהלטע פּאציענטען.

בעצאָהלטע פּאציענטען בעצאָהלען יעצט 15 דאָלאר א וואך און דארבען איינצאָהלען פאר 4 וואָכען אין פאראויס. דער ברענטש וואו דער מאן בעלאָנגט, דארף בעשטעטיגען, אז זיי זיינען פעראנטוואָרטליך פאר דער איבעריגער צייט וואס די פרוי וועט פערבלייבען אין סאנאטאריום, אין פאל דער מאן וועט ניט מאכען די נויטיגע איינצאָהלונג אין ענדע פון איהר טערמין. דאָס ווערט געטהאָן דעריבער, ווייל דער דזשענעראַל אפיס האָט געוועהנליך בעציהונגען מיט ברענטשעס און ניט מיט

## פערגלייכונג פון סאנאטאריום אויסגאבען פאר 1917-1916

| | | 1917 | 1916 |
|---|---|---|---|
| **פערוואלטונג:** | | | |
| סאלאריעס | | 1,153.92 | |
| טעלעפאן און טעלעגראף | | 227.77 | |
| רייזע קאסטען | | 154.79 | |
| אמיוזמענטס און עדיוקיישאן | | 97.24 | |
| פערשיעדענעס | | 89.25 | |
| פיר־פרעזענטען צום נייעם יאהר | | 71.00 | |
| העלפ | | 43.75 | |
| סטיישאנערי, פאסטיידוש, פרינטינג און אד־ווערטייזמענטס | | 270.29 | |
| טאטאל | | 2,108.01 | 2,174.86 |
| **מעדיצינישע:** | | | |
| סאלאריעס | | 4,968.19 | |
| מעדיקאל אדווייזערי באארד | | 737.70 | |
| דראגס און מעדיקאל סופלייס | | 1,172.07 | |
| גאוז | | 664.87 | |
| טערמאמעטערס | | 120.94 | |
| עקס־רעי סופלייס | | 583.90 | |
| שפיי קעסטלעך | | 89.09 | |
| באטעלס | | 2.52 | |
| סטיישאנערי | | 32.10 | |
| פערשיעדענעס | | 33.99 | |
| טאטאל | | 8,405.37 | 5,827.89 |
| **הויז אויפהאלטונג:** | | | |
| סאלאריעס | 3,248.76 | | |
| סופלייס | 1,513.26 | | |
| ליינען | 550.30 | | |
| בלענקעטס | 1,044.71 | | |
| קאוטס פיר ווייטערס | 31.20 | | |
| פערשיעדענעס | 170.16 | | |
| | | 6,558.39 | 3,950.41 |
| **קיטשען:** | | | |
| סאלאריעס | 1,968.34 | | |
| סופלייס | 133.98 | | |
| | | 2,102.32 | 1,484.64 |
| **לאונדרי:** | | | |
| סאלאריעס | 819.48 | | |
| סופלייס | 262.49 | | |
| בעלטינג | 24.60 | | |
| | | 1,106.57 | 749.31 |
| טאטאל | | 9,767.28 | 6,194.36 |
| **שפייז:** | | | |
| ברויט | | 1,851.72 | |
| מילך, קריעם און פוטער | | 8,748.14 | |
| אייער | | 5,841.26 | |
| פלייש | | 3,601.36 | |
| פיש און הערינג | | 868.78 | |
| טשיקען | | 5,267.41 | |
| פרוכט און גרינסען | | 4,644.46 | |
| גראסעריעס | | 2,884.93 | |
| ליקאר | | 17.75 | |
| טאטאל | | 34,725.81 | 20,563.95 |

| | | 1917 | 1916 |
|---|---|---|---|
| **הויז און בילדינג אויסגאבען:** | | | |
| עלעק. בעלייכטונג, פאור, פיקסינג | 1,717.81 | | |
| אינשורענס | 1,043.25 | | |
| טעקסעס | 141.22 | | |
| קאהלען | 3,688.62 | | |
| | | 6,590.90 | 5,313.19 |
| **אויסגאבען, ריעל עסטייט און בילדינג** | | | |
| סאלאריעס | 1,224.30 | | |
| ריפיירס | 435.16 | | |
| אויסבעסערונג די גראונד און פעלד | 296.20 | | |
| פיינטינג | 1,477.17 | | |
| סופלייס | 83.65 | | |
| | | 3,516.48 | 1,444.96 |
| **אויסג. פיר מאשינערי און געצייג:** | | | |
| סאלאריעס | ,668.62 | | |
| סופלייס און ריפיירס | 11.50 | | |
| פלומבינג | 288.00 | | |
| אייז | 100.00 | | |
| | | 1,068.12 | 1,157.87 |
| **סטייבל:** | | | |
| סאלאריעס | 292.31 | | |
| שפייז פיר די פערד | 1,445.83 | | |
| ריפיירס און סופלייס | 411.74 | | |
| ליווועריעס | 287.00 | | |
| לייסענס פיר די קאר | 2.50 | | |
| | | 2,439.38 | 1,570.14 |
| טאטאל | | 13,614.88 | 9,474.19 |
| **פארם אויפהאלטונג:** | | | |
| סאלאריעס | | 402.92 | |
| סופלייס | | 64.50 | |
| זריעה | | 151.50 | |
| בעמיסטיגונג | | 87.89 | |
| קאלך | | 284.74 | |
| טאטאל | | 991.55 | |
| אינקאם פון פארם פראדוקטען | | 378.96 | |
| טאטאל | | 612.59 | 315.75 |
| **סאנאטאריום קאמיטע:** | | | |
| קאמיטעס | | 711.39 | |
| רייזע קאסטען | | 146.98 | |
| סאנאטאריום טאג (אונטערהאלטונג) | | 585.08 | |
| פערשיעדענעס | | 55.69 | |
| טאטאל | | 1,499.14 | 1,087.65 |
| דעפרעשיאיישאן 10% | | 1,622.69 | 1,457.79 |
| גרענד טאטאל | | 72,355.77 | 47,096.44 |
| צאהל פאציענטען פיר איין האספיטאל טאג | | 23,677 | 17,238 |

איינצעלנע מעמבערס. אויך אין ריעזען גאל האָבען מיר גע־וואלט אז דער מעמבער זאל וויסען, דאָס ער איז פריהער פון אלע פעראנטוואָרטליך צום ברענטש און דער לעצטער צום אפיס.

פון די בעצאָהלטע פאַציענטען ווערט, פערשטענדליך, גע־פאָדערט די זעלבע מעדיצינישע אַנטערזוכונג פון אונזער אד־מיטינג דאָקטאָר אדער פון אן אנערקענטען דאָקטאָר פון אר־בייטער רינג, ווי דאָס ווערט געפאָדערט פון יעדען רעגולער

## טשיקען רענטש.

די טשיקען רענטש איז יעצט געוואָרען א וויכטיגער טהייל פון סאנאטאריום אייגענטום. מיר האָבען איצט צוויי אינ־קאָבייטאָרס, אויוועגס, טשיקען־קופּס און אלע נויטיגע זאַכען פון :: מאָדערנע טשיקען רענטש. עס איז דאָ יעצט ארום 2500 טשיקענס, וועלכע ברענגען אריין אין צייט פון כעזאָן

### פערגלייכונג פון דורכשניטליכע אויסגאַבען פאַר יעדען פאַציענט פער טאָג פאַר די יאהרען 1916 און 1917.

| | אויסגאַבען פאר יעדען טאָג 1916 סומע | 1916 % | 1917 סומע | 1917 % | טעגליכע אויסגאבען פער פאציענט 1916 סומע | 1917 סומע | אויסגאבען פערגרעסערט אין 1917 סומע | % | אויסגאבען פערקלענערט אין 1917 סומע | % |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| פערוואלטונג — — — — | 5.96 | 4.6 | 5.77 | 2.9 | .126 | .089 | — | — | .037 | 29.3 |
| מעדיצינישע — — — — | 15.97 | 12.3 | 23.03 | 11.6 | .338 | .356 | .018 | 5.3 | — | — |
| הויז אויפהאלטונג — — | 16.96 | 13.1 | 26.76 | 13.5 | .358 | .412 | .054 | 15.1 | — | — |
| הויז, בילדינג אויסגאבען | 25.96 | 20.1 | 37.30 | 18.8 | .549 | .575 | .026 | 2.1 | — | — |
| פארם אויפהאלטונג — — | .86 | .7 | 1.68 | .9 | .018 | .026 | .008 | 44.5 | — | -- |
| סאנאטאריום קאָמיטע — | 3.00 | 2.3 | 4.11 | 2.1 | .064 | .063 | — | — | .001 | 1.6 |
| דעפּרעשיאיישאָן — — | 3.99 | 3.1 | 4.45 | 2.2 | .084 | .069 | — | — | .015 | 1.8 |
| שפּייז — — — — — | 56.34 | 43.8 | 95.14 | 40.8 | 1.193 | 1.467 | .274 | 22.9 | — | — |
| טאָטאל — — — — | 129.04 | 100.00 | 198.24 | 100.00 | 2.730 | 3.057 | .380 | | .053 | |

### פערגלייכונג פון די שפּייז אויסגאַבען פון די יאהרען 1916 און 1917.

| | אויסגאבען 1916 סומע | 1917 סומע | טעגליכע אויסגאבען פאר יעדען פאציענט 1916 סומע | 1917 סומע | טעגליכע אויסגאבען פער פאציענט פערגרע־סערט אין 1917 סומע | % | פערגרעסערונג פון פרייזען לויט די טעגליכע אויסגא־בען פער פאציענט % |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| ברויט — — — — — | 1,035.47 | 1,851.72 | .060 | .076 | .016 | 1.3 | 26.7 |
| מילך, קריעם און פוטער — | 5,746.46 | 8,748.14 | .332 | .374 | .042 | 3.5 | 12.6 |
| אייער — — — — — | 3,405.34 | 5,841.26 | .197 | .250 | .053 | 4.4 | 26.9 |
| פלייש, פיש און הערינג — | 2,732.24 | 4,470.14 | .157 | .191 | .034 | 2.8 | 21.7 |
| טשיקען — — — — — | 2,996.41 | 5,267.41 | .172 | .225 | .053 | 4.4 | 30.8 |
| פרוכט און גרינסען — | 2,780.00 | 4,644.46 | .162 | .198 | .036 | 3.0 | 22.2 |
| גראָסעריעס — — — — | 1,975.99 | 3,884.93 | .118 | .166 | .048 | 4.0 | 40.7 |
| ליקאָר — — — — — — | | 17.75 | | | | | |
| טאָטאל — — — — — | 20,671.91 | 34,725.81 | 2.730 | 1.480 | .282 | 23.4 | |

פאַציענטען פער טאָג:
1916 — — — — 47.2
1917 — — — — 64.8

פאַציענט, כדי צו זיין זיכער, אז די כעטרעפענדע פערזאָן איז לויט דעם כאראקטער פון איהר קראנקהייט פאסענד פאר אונ־זער סאנאטאריום.

די בעצאָהלטע פּרויען־פּאַציענטען האָבען זיך אין פערלויף פון יאהר געהאלטען מיט ווירדע צום מעדיציניישען פערסאָנאל און די אָנגעשטעלטע, זיינען נאָכגעקומען די רולס פון סאנא־טאריום און האָבען דארום ארויסגערופען צו זיך אכטונג און רעספּעקט פון די אָנגעשטעלטע, פון די איבריגע פּאַציענטען און פון דער פערוואלטונג.

ארום 80־70 ד[illegible]זען א [illegible] א טאָג. [illegible] נאָר האָבען מיר גע[illegible] פרישע אייער פאר דעם געברויך אין סאנאטאריו[illegible] [illegible]ר עס ווערט נאָך פע[illegible] [illegible]ויפט פאר א היבשע סו[illegible] אין 1917, צום ביישפּיעל, איז געווען איינ[illegible] פון [illegible]ייער 1,[illegible].59 דאָ־לאר א [illegible]ן [illegible]קענס איז געווע[illegible] [illegible] [illegible]3,121.27 [illegible] לאר.

## טשיקען פארם אקאונט.

| | | |
|---|---|---|
| בילדינגס ביז ערשטען יאנואר 1918 | | $3,286.70 |
| אינקיובייטאָר, אויוועגס, א. ד. ג. | | 665.97 |
| אויסגאבען פיר דעם פאולטרי רענטש: — — — — — — — | | |
| סאלאריעס, 1916 — — — — — | 350.00 | |
| סאלאריעס, 1917 — — — — — | 1,777.46 | |
| סופלייס, 1916 — — — — — | 70.34 | |
| סופלייס, 1917 — — — — — | 125.22 | |
| שפייז פאר טשי ענס, 1916 — — | 834.15 | |
| שפייז פאר טשיקענס, 1917 — — | 5,449.73 | |
| קויהלען, 1916 — — — — — — | 13.20 | |
| העטשינג עגס, 1916 — — — — | 132.00 | |
| העטשינג עגס, 1917 — — — — | 209.59 | |
| | | 8,961.89 |
| איינגאַהמע פון פאולטרי רענטש: | | |
| פון אייער, 1916 — — — — | 543.07 | |
| פון אייער, 1917 — — — — | 6,121.27 | |
| פון טשיקענס, 1916 — — — | 550 19 | |
| פון טשיקענס, 1917 — — — | 1,215.59 | |
| | | 8,433.12 |
| רעפיציט — — — — — — — — | | 528.77 |

דעם 1טען יאנואר 1918 איז אין טשיקען רענטש געוועזען העכער 2400 טשיקענס וועלכע זיינען לויט דעם מארקעט פרייז ווערטה געוועזען איינגעפעהר 2,000.00 דאָלאר. אויב מען זאל פון דער סומע ארונטערעכענען דעם דעפיציט פון 528.77 דאָלאר, וועט דער טשיקען רענטש האָבען א סורפלוס פון 1,471.23 דאָלאר.

דער ווערטה פון דעם, וואס די פאציענטען קריגען פרישע אייער און פרישע טשיקענס און וואס זיי זיינען איבערצייגט, אז די פראדוקטען זיינען אמת פריש, איז גאר ניט אָבצושאצען.

## דאָס עסס־צימער.

ווי מיר האָבען פריהער דערמאָנט, איז דיזען יאהר דורכשניטליך געוועזען פיעל מעהר פאציענטען ווי לעצטען יאהר. אויב מיט דעם אָנקומען פון א גרעסערער צאָהל פאציענטען, איז נויטיג געוועזען צו שאפען פאר זיי די נויטיגע בעקוועהמליכקייט, האָט זיך אבער מעהר פון אלין געפיהלט א שטארקער מאנגעל אין פלאַץ אין עס־צימער.

דאָס עסס־צימער איז געווען שמאָל און לאנג און האָט אויף דעם בעסטען אופן געקענט אריינגעהמען פון 75 ביז 80 פערזאָן. אין יאהר 1917 זיינען געוועזען צייטען, ווען אין סאנאטאריום האָבען זיך געפונען פון 92 ביז 98 פאציענטען.

עס איז בעקוועהם און היגיעניש אפילו פאר געזונדע מענשען ניט צו זיצען ביים עסען צוזאמענגעדריקט איינער צום אנדערען. עס איז בע וועהם און היגיעניש צו האָבען גענוג פלאַץ פיר אום זיך, זיצענדיג ביים טיש. און אויב דאָס איז היגיעניש און בעקוועהם פאר געזונדע, איז דאָס פאר פאציענטען אין סאנאטאריום א נויטווענדיגקייט. מיר האָבען דארום בעשלאָסען צו פערגרעסערען דאָס עסס־צימער אין דער ברייט, ווי אויך אין דער הויך. עס זיינען אויסגעריסט געווארען די ווענד און דאָס עסס־צימער איז פערגרעסערט געווארען כמעט דאָבעל ווי פריהער. יעצט איז דאָ אין עסס־צימער פלאַץ פאר 110 פערזאָן צו זיצען גרוים און בעקוועהם. עס איז אויך דאָ א ברייטער דורכגאנג צווישען די טישען.

ביי'ם איבערמאכען דאָס עסס־צימער, האָבען מיר אין זינען געהאט איינצואָרדערען דאָרט א פלאַץ פאר א מואווינג פיקטשור אפאראט, ווייל אויף די גראונדס איז דאָס יעצט דאָס גרעסטע צימער און פאָלגליך דאָס פאסענדסטע, וואו מואווינג פיקטשורס זאָלען געצייגט ווערען.

## די „לען־טוס".

די „לען־טוס", די אָפענע געביידעס וואו די פאציענטען געפינען זיך די גאנצע צייט, האָבען געהאט אזוי ווינציג בעקוועהמליכקייט, אז עס האָט זיך פשוט געבעטען צו מאכען דארט אן אויסבעסערונג. ווען די „לען־טוס" זיינען געבויט געווארען, איז אלעס דאָרט געמאכט געווארען אזוי אָרים, אזוי איינפאך, אז דאָס מאָנאָטאָנע לעבען פון די פאציענטען איז הינטער די בלויזע און ניט געפארבטע ווענד, געווארען גראָה און נאָך מעהר מאָנאָטאָן.

לעצטענס זיינען אין די „לען־טוס" איינגעפיקסט געווארען שעהנע, ליכטיגע, מאָדערנע באטה־רומס און וואסער־קלאזעטען. די ווענד זיינען געפארבט געווארען. אויך זיינען געמאכט געווארען שאָטערס צו פערהיטען די פאציענטען, וואס געפינען זיך דאָרט, פון רעגען, שנעע און שלעכטען וועטער. די געביידעס זיינען אזוי פערשעהנערט געווארען, אז די וואס האָבען אמאָל בעזוכט דעם סאנאטאריום און גערענקען די „לען־טוס", וואלטען זיי יעצט זיכער ניט דערקענט. אזא ענדערונג טראגט אָהן ספק אריין א שטראהל פון זונענשיין אין דעם אלטעגליכען לעבען פון די פאציענטען.

## דער סאנאַטאריום רעליעף טאָג.

פאר די לעצטע עטליכע יאהר איז געווארען א טראדיציע ביי פיעלע, פיעלע ברענטשעס איבער'ן לאנד צו פייערען דעם סאנאטאריום טאָג. יעדער שטאָדט פלעגט אראנזשירען די פייערונג לויט די אָרטיגע אומשטענדען און די קרעפטען, וואס זי האָט פערמאָגט. די איינגאַהמע פון דיעזע אונטערנעהמונגען פלעגט געוועהנליך געשיקט ווערען פאר'ן סאנאטאריום פאָנד אלס פריינדליכע ביישטייערונג.

דיעזען יאהר האָט די סאנאטאריום קאָמיטע צוזאמען מיט דער נאציאנאלער עקזעקוטיווע בעשלאָסען צו פערוואנדלען די פייערונג פון סאנאטאריום טאָג אין א טאָג פון רחמנות, א טאָג פאר זאמלען געלד צו העלפען פערמינדערען די ליידען פון אונזערע אידישע מלחמה קרבנות אויף יענער זייט ים.

ווען אונזער סאניטאריום איז אויסגעוואקסען צו דער יעצטיגער מדרגה האָט דער ארב. רינג זיך געקענט פערגינען, אז אנשטאט קריגען דעם איינקונפט פון די סאנאטאריום פייערונג פאר'ן סאנאטאריום פאָנד, זאל בעסער געמאכט ווערען אן אפיעל צו די ברענטשעס צו העלפען שאפען — אין צוזאמענהאנג מיט דעם סאנאטאריום טאָג — א פאסענדען באָנד פאר די אידישע מלחמה קרבנות.

דער רוף פאר א סאנאַטאריום־רעליעף טאָג האָט געפונען א ווארימען אבקלאנג ביי אלע ברענטשעס איבער'ן לאנד. פיעלע ברענטשעס האָבען נאָך ניט קאָלעקטירט אלע ביישטייערונגען פון זייערע מעמבערס און מיר קענען נאָך ניט וויסען גענוי וויפיעל דאָס וועט אריינברענגען. מיר האָפען, אז די סומע וועט גרייכען 25,000 דאָלאר.

ווען מען נעהמט אין אנבעטראכט, אז א גרויסע צאָהל פון די ארב. רינג מעמבערס בעלאנגען צו יוניאנס און אַנדערע ארגאניזאציאנען, וואס קאָלעקטירען בעזונדער געלד פאר'ן רעליעף, ווען מען נעהמט אין אנבעטראכט, אז דער ארבייטער רינג האָט אין פעולויף פון די לעצטע 1½ יאָהר געשאפען אריבער 57,000 דאָלאר פאר די מלחמה קרבנות, קען מען זיין שטאָלץ מיט דיעזער ברייטהערציגקייט פון אונזערע מעמבערס און מיט זייערע פרייוויליגע ביישטייערונגען.

מיר ווילען ביי דער געלעגענהייט אויסדריקען א הערצליכען דאנק צו אלע ברענטשעס און טהועד פון ארב. רינג וואס האָבען געהאָלפען אין דער ארבייט פון סאנאטאריום־רעליעף טאָג.

## סאַנאַטאַריום טאָג.

אין סאנאטאריום גופא איז דיעזען יאהר דער סאנאטאריום טאָג געפייערט געווארען מיט פראכט און גלאנץ שבת און זונטאג, דעם 9טען און 10טען פעברואר. לכבוד דער פייערונג איז אראנזשירט געווארען א הערליכער קאָנצערט און ליטערא־

אין דעם יאהר 1917 זיינען אויפגענומען געווארען אין סאנאטאריום 163 פאציענטען. 3 פון דיזע פאציענטען זיינען געוועזען אין סאנאטאריום וויינינגער ווי א מאָנאט, דערום רעכענען מיר אז אין יאהר 1917 זיינען אין סאנאטאריום אויפגענומען געווארען 160 נייע פאציענטען.

טאבעלע נומער 1.

ציינט ווי־לאַנג זיי זיינען געווען מעמבערס איידער זיי זיינען אייפגענומען געווארען אין סאנאטאריום

| ווי לאנג די פאציענטען האָבען בעלאָנגט צום אַ. ר. איידער זיי זיינען אריינגענומען געווארען אין סאַנאַטאָריום. | 1910 | 1911 | 1912 | 1913 | 1914 | 1915 | 1916 | 1917 |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| ועניגער ווי 1 יאהר | 36 | 12 | 7 | — | — | — | — | — |
| צווישען 1 און 2 יאהר | 40 | 54 | 29 | 35 | 17 | 14 | 27 | 42 |
| צווישען 2 און 3 יאָהר | 27 | 31 | 27 | 23 | 20 | 20 | 23 | 25 |
| צווישען 3 און 4 יאהר | 20 | 21 | 28 | 16 | 14 | 20 | 6 | 15 |
| צווישען 4 און 5 יאהר | 3 | 6 | 21 | 18 | 22 | 8 | 8 | 16 |
| צווישען 5 און 6 יאהר | 3 | 4 | 10 | 5 | 23 | 9 | 7 | 14 |
| צווישען 6 און 7 יאהר | 3 | 4 | 2 | 4 | 10 | 16 | 14 | 7 |
| צווישען 7 און 8 יאהר | — | — | 3 | 3 | 12 | 10 | 8 | 18 |
| צווישען 8 און 9 יאהר | — | — | 8 | 2 | 3 | 7 | 4 | 8 |
| צווישען 9 און 10 יאהר | — | — | — | 1 | 1 | 5 | 1 | 4 |
| צווישען 10 " 11 יאהר | — | — | 1 | — | 6 | — | 4 | 4 |
| צווישען 11 " 12 יאהר | — | — | — | 1 | 2 | 2 | 1 | 1 |
| צווישען 12 " 13 יאָהר | — | — | — | — | — | 1 | 1 | 2 |
| צווישען 13 " 14 יאָהר | — | — | — | — | 3 | — | — | 3 |
| צווישען 14 " 15 יאָהר | — | — | — | — | — | 1 | — | — |
| צווישען 15 " 16 יאָהר | — | — | — | — | — | 1 | 1 | — |
| צווישען 16 " 17 יאָהר | — | — | | | | | | 1 |
| טאָטאַל — — — — | 132 | 132 | 146 | 108 | 133 | 114 | 105 | 160 |

טאבעלע נומער 2.

ציינט די עלטער פון די פאציענטען ווען זיי זיינען אויפגענומען געווארען אין סאנאטאריום.

| די עלטער פון די פאַציענטען | 1910 | 1911 | 1912 | 1913 | 1914 | 1915 | 1916 | 1917 |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| פון 18 ביז 25 יאָהר | 64 | 52 | 36 | 33 | 24 | 25 | 20 | 32 |
| פון 26 ביז 30 יאָהר | 39 | 43 | 51 | 37 | 54 | 39 | 30 | 40 |
| פון 31 ביז 35 יאָהר | 21 | 18 | 32 | 23 | 23 | 22 | 33 | 49 |
| פון 36 ביז 40 יאָהר | 7 | 12 | 19 | 11 | 18 | 17 | 12 | 28 |
| העכער פון 40 יאָהר | 1 | 7 | 8 | 4 | 14 | 11 | 10 | 11 |
| טאָטאַל — — — — | 132 | 132 | 146 | 108 | 133 | 114 | 105 | 160 |

טאַבעלע נומער 3.

| מענער און פרויען פאַציענטען | 1910 | 1911 | 1912 | 1913 | 1914 | 1915 | 1916 | 1917 |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| צאָהל מענער — — | 130 | 123 | 138 | 104 | 128 | 109 | 103 | 153 |
| צאָהל פרויען — — | 2 | 9 | 8 | 4 | 5 | 4 | 2 | 7 |
| טאָטאַל — — — — | 132 | 132 | 146 | 108 | 133 | 113 | 105 | 160 |

טאַבעלע נומער 4.

| | 1910 | 1911 | 1912 | 1913 | 1914 | 1915 | 1916 | 1917 |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| פערהייראטה — — — | 83 | 86 | 100 | 76 | 101 | 87 | 77 | 122 |
| אונפערהייראטה — — | 49 | 46 | 46 | 32 | 32 | 27 | 28 | 38 |
| טאָטאַל — — — — | 132 | 132 | 146 | 108 | 133 | 114 | 105 | 160 |

### טאַבעלע נומער 5.

לויט נאָך זייערע בעשעפטיגונגען ווערען די פאציענטען איינגעטהיילט ווי פאָלגט:

| | |
|---|---|
| אַגענט | 1 |
| אייזען ארבייטער | 6 |
| אפערייטאָרס | 17 |
| באטאן מאכער | 1 |
| באקס מייקער | 1 |
| בארבערס | 6 |
| בוק קיפערס | 1 |
| בוכבינדערס | 1 |
| ביזנעס לייטע | 7 |
| בעקערס | 5 |
| גלעזער | 1 |
| האָאר ארבייטער | 1 |
| האָלץ ארבייטער | 1 |
| הויז ארבייט | 1 |
| העטער | 2 |
| וועבערס | 10 |
| טעפּער | 1 |
| לייבאָרערס | 2 |
| לעדער גודס | 2 |
| לאונדרימאן | 1 |
| מאַשיניסטען | 2 |
| מוליארעס | 2 |
| מעקאניקעל דענטיסט | 1 |
| סוט־קיים מייקער | 1 |
| פאריער | 1 |
| פּיינטערס און פּייפּער הייננגערס | 5 |
| פּרינטערס | 3 |
| פּאָלישערס | 1 |
| פוהרמאן | 1 |
| פּרעסער | 7 |
| ציגארען מאכערס | 1 |
| קאָנדוקטאָרס | 1 |
| קאַטערס | 4 |
| קארפּענטערס | 10 |
| קלאוק מייקערס | 1 |
| קלוירקס | 3 |
| קעפּמייקערס | 4 |
| שוסטערס | 2 |
| שניידערס | 39 |
| מעטאל ארבייטער | 3 |
| טאָטאל | 160 |

רישער אבענד, אין וועלכען עס האָבען זיך בעטהייליגט מרס. סילווערבערג (פּיאנא), מיסס שוועדער (סאָפּראנא), ב. קאָווער, אויך א קווארטעט פון ארב. רינג כאָר. עס זיינען אנוועזענד געווען צוויי פערטרעטער פון „פארווערטס", די גענאָסען הלל ראגאָף און ה. לאנג.

געבענדיג אן איבערבליק איבער דיעזער פייערונג, האָט דער „פארווערטס" פון 17טען פעברואר צווישען אנדערעס געזאגט פאלגענדעס:

דער יום טוב איז בעשטאנען פון צוויי טיילען. שבת אבענד איז אין גרויסען דיינינג רום אָבגעהאלטען געווארען א פּראכטפולער קאָנצערט און א צאָהל בעגריסונגס רעדעס. זונטאג בייטאג האָט שטאטגעפונען א מין באנקעט, א סעודה פאר די פּאציענטען און געסט צוזאָמען. דער הויפּט פּיטשור פון שבת אבענד זיינען געווען די רעדעס פון די קאָמיטע לייט און בעאמטע צו די פּאציענטען; דער הויפּט פּיטשור זונטאג בייטאג זיינען געווען די רעדעס פון די פּאציענטען צו די קאָמיטע לייט און בעאמטע.

עס איז שווער אין ווערטער איבערצוגעבן די שטימונג וואס עס האָט ביי דעם פעסט געהערשט. זאגען אז אלע האָבען זיך געפיהלט יום טוב'דיג און בעגייסטערט איז ווענינ: די פייערונג איז געווען אזוי נאטירליך, אזוי אויפריכטיג, די פרייד פון אלעמען איז געווען אזוי טיעף און אזוי ערנסט.

די פייערונג איז ערעפענט געווארען שבת אבענד מיט א קורצע בעגריסונגס רעדע פון דעם טשערמאן פון דער סאנאטאריום קאָמיטע, גענאָסע גוסקין, און געשלאָסען האָט זיך דער אבענד מיט א לאַנגע רעדע פון גענאָסע עפּשטיין, דער טשערמאן פון ארב. רינג. גוסקין האָט גערעדט וועגען דעם סאנאטאריום ספּעציעל, און גענאָסע עפּשטיין האָט גערערט וועגען ארבייטער רינג אין אלגעמיין. די ווארימע אויפנאהמע וואס זיי האָבען בעקומען פון די פּאציענטען האָט קלאָהר געמאכט די צופריעדענהייט, די ליעבע און די אנערקענונג וואס די פּאציענטען טראגען אין זייערע הערצער פאר דעם ארבייטער ארדען און פאר דער קאָמיטע וואס פערוואלטעט דעם סאנאטאריום.

דער באנקעט זונטאג בייטאָג האָט די זאך קלעהרער געמאכט און פעסטער געשטעלט. די פּאציענטען, וועלכע האָבען דאָס ווארט גענומען, האָבען קיינעם ניט געלויבט, קיינעם ניט גע'חנפ'עט. זיי האָבען פון סאנאטאריום גערעדט ווי פון זייער אייגענע אינסטיטושאָן און זיך ניט צוריקגעהאלטען פון אָנווייזען אויף געוויסע מיספערשטענדניסע וואס האָבען עקזיסטירט צווישען אָנגעשטעלטע און זיי. די רעדעס פון די פּאציענטען און די אנטווארטען וואס די קאָמיטע־לייט האָבען זיי געגעבען, האָבען געקלונגען ווי א פאמיליע געשפּרעך איבער א וויכטיגער פאמאליע אנגעלעגענהייט. יעדעס רעדע איז געוועז אָנגעפילט מיט פריינדשאפט און איבערגעבענהייט, פון איין צד צום צווייטען און פון ביידע צדדים צו דער גאנצער אינסטיטושאָן.

ווען די צייט איז געקומען פאר די קאָמיטע־לייט און די געסט זיך צו שיידען פון די פּאציענטען האָט זיך אין דער לופט געפיהלט אן אומעדיגקייט, א בענקעניש. די פּאציענטען זיינען אלע ארויס פון די צימערען און האָבען הערצליך געדאנקט דער קאָמיטע און איהר בעגלייט מיט „הורראס" און „פאָהרט געזונדס!"

דער נייער דאָקטאָר פון דעם סאנאטאריום, דר. ראזענבערג, וועלכער איז יאהרען לאנג געווען פערבונדען מיט אנדערע סאנאטאריומס, האָט אין א קורצער רעדע ערקלעהרט דעם איינדרוק וואס דער גאנצער יום טוב האָט אויף איהם געמאכט, און מיר ווילען דאָ איינינע בעמערקונגען זיינע איבערגעבען, ווייל זיי ריהרען אן דעם וויכטיגסטען פּונקט אין דער פייערונג:

„איך האָב געוואוסט, אז דיזער סאנאטאריום געהערט צו אן ארבייטער ארדען, און איך האָב געוואוסט, אז די פּאציענטען דאָ זיינען ניט קיין צדקה־פּאציענטען, נאָר אז זיי קומען אהער ווי אין אן אייגענער הייס, דאָך האָב איך זיך ניט געקענט פארשטעלען אז עס הערשט ווירקליך אזא דעמאָקראטישער גייסט, אזא טיעפע פריינדשאפט און איבערגעבענהייט פון די קאָמיטע לייט צו די פּאציענטען און פון די פּאציענטען צו די קאָמיטע לייט און צום ארבייטער רינג אין אלגעמיין. איך בין איבערראשט, איך האָב זיך ניט פארגעשטעלט, אז אזוינס קען ערגעץ עקזיסטירען."

און פּונקט ווי דער דאָקטאָר האָבען געפיהלט אלע געסט וואס זיינען צו דער שמחה איינגעלאדען געווארען. פיעלע פון זיי האָבען אין זייערע רעדעס זיך ניט געקענט צוריקהאלטען פון אויסדריקען אָט דיעזען געפיהל, טראץ דעם, וואס עס האָט געקלונגען ווי א ווידערהאָלונג. איינער נאָכ'ן אנדערע האָבען די רעדנער אויסגעשריען: „אך, ווי קען מען מאכען, אז די 61 טויזענד מעמבערס פון ארבייטער רינג און די הונדערטער טויזענדער ארבייטער וואס זיינען נאָך קיין מעמבערס פון ארדען ניט, זאלען זעהן אָט דיעזע מערקווירדיגע בילד, זאלען פיהלען אָט דיעזע וואונדערבארע שטימונג, זאלען דורכגעדרונגען ווערען פון דער זעלטענער שטימונג וואס עס הערשט דאָ צווישען אונז."

א שעהנער יום טוב, אן ערהאבענער יום טוב, אן אמת'ער יום טוב איז עס געווען.

אין פערלויף פון יאָהר 1917 זיינען פון סאנאטאריום אויסגעשריבען געווארען 132 פּאַציענטען פון וועלכע 14 זיינען שוין איין מאָל געוועזען פּאַציענטען אין סאנאַטאריום,דערום רעכענען מיר בלויז 118 פּאַציענטען.

דיעזע טאַבעלע צייגט דעם צושטאנד פון די 118 פּאציענטען ווען זיי זיינען אריינגעקומען און ווען זיי האָבען פערלאזען דעם סאנאַטאריום.

| ביים אריינקומען אין סאַנאַטאַריום | | | | ביים פערלאָזען דעם סאַנאַטאַריום. | |
|---|---|---|---|---|---|
| צושטאַנד פון קראַנקהייט | אויסזיכטען פון קראַנקהייט | | | | |
| אינסיפּיענט (1־טע סטיידזש) | אויסגעצייכענט | 14 | | קראַנקהייט אפגעשטעלט | 74 |
| | גוט | 80 | | אין שטילשטאַנד | 9 |
| | צווייפעלהאפט | 1 | | פערבעסערט | 8 |
| | | | | נישט געענדערט | 1 |
| | | | | געשטארבען | 1 |
| | | | | נישט טובערקולאר | 2 |
| | טאָטאל | 95 | (76.3%) | טאָטאל | 95 |
| אַדוואַנסד (2־טע סטיידזש) | גוט | 2 | | קראַנקהייט אָפּגעשטעלט | 2 |
| | צווייפעלהאַפט | 1 | | פערבעסערט | 1 |
| | טאָטאל | 3 | (2.5%) | טאָטאל | 3 |
| מאָדערייט אַדוואַנסד | אויסגעצייכענט | 1 | | קראַנקהייט אָפּגעשטעלט | 11 |
| | גוט | 13 | | אין שטילשטאַנד | 1 |
| | צווייפעלהאפט | 6 | | פערבעסערט | 7 |
| | | | | קיינע רעזולטאַטען | 1 |
| | טאָטאל | 20 | (21.2%) | טאָטאל | 20 |

מיר דריקען אויס אן ערנסטען דאנק צו אלע אויבען־דער־מאָנטע פערזאנען, וועלכע האָבען זיך בעטהייליגט אין דער סא־נאטאריום אונטערנעהמונג.

## פערוויילונגען.

כדי אריינצוטראגען לעבען אין דער אלטעגליכקייט פון סאנאַטאריום, כדי אויפצומונטערן פון צייט צו צייט די פּא־ציענטען, זיינען אָנגענומען געווארען מיטלען צו האָבען קאָנ־צערטען און פערוויילונגען אזוי אפט, ווי מעגליך. אויסער דעם וואס די פּאציענטען אליין מיט דער הילף פון איינינע אָנגע־שטעלטע פיהרען אלע מאָל אויף לייכטע פיעסען, זיינען אין פערלויף פון יאהר אראנזשירט געווארען עטליכע קאָנצערטען און ליטערארישע אבענדען.

די לעצטע צייט איז איינגעפיהרט געווארען צו ציינען מואווינג פיקטשורס פאר די פּאציענטען איין מאָל א וואך. די „סעלעקט פיקטשורס קאָרפּאָריישאָן" שיקט צו אומזיסט די נייעסטע פילמס און די פּאציענטען האָבען א מעגליכקייט צו זעהן די נייעסטע מואווינג פיקטשורס, וואס ווערען געצייגט אין די ניו יארקער בראָדוויי טהעאַטערע. די „סעלעקט פיקטשור קאָרפּאָריישאָן" שיקט צו די פילמס א דאנק די פריינדליכקייט פון די מענעדזשערס, מר. הענרי סיגעל און ל. וו. ארלער.

## אב. קאהאן, רעדאקטאָר פון „פארווערטס", האָט בעזוכט דעם סאַנאַטאַירום.

אויך איז אונז געלונגען צו קריגען גענ. אב. קאהאן, רע־דאקטאָר פון „פארווערטס", צו פאהרען בעזוכען דעם סאנא־טאריום און לעקטשורען פאר די פּאציענטען. צוזאמען מיט איהם איז דאמאלס אויך געפאהרען ב. קאָוונער, וועלכער האָט פארגעלעזען איינינע פון זיינע הומאָריסטישע זאכען. גענ. אב. קאהאן האָט נאָך זיין בעזוך אָנגעשריעבען אין „פארווערטס" צוויי ארטיקלען וועגען סאנאטאריום. דאָס העלפט אָהן ספק מאכען מעהר פּאפּולער דעם סאַנאטאריום צווישען אונזערע איי־גענע מעמבערס, ווי אויך ביי דער אויסערליכער וועלט.

## א קלאס אין ענגליש.

פיעלע האָבען א בעגריף, אז דער סאנאטאריום איז א מין האָספּיטאל, וואו עס ליגען קראנקע פּאציענטען. דער פאקט אָבער איז, אז אין סאנאטאריום געפינט זיך אימער זעהר א קליינע צאָהל פּאציענטען אין האָספּיטאל. די איבעריגע פּא־ציענטען זיינען פּונקט ווי געוועהנליכע געזונדע מענשען, מיט דעם אונטערשיעד וואס זיי זיינען אונטער מעדיצינישער אויפ־זיכט צו פיהרען א נאָרמאלען לעבען, צו עסען צו דער צייט, צו רוהען גענוג, צו זיין שטענדיג אויף דער פרישער לופט א. ד. ג.

אויף וויפיעל זייער צייט איז אויסגערעכענט, ווען צו רו־הען, ווען צו שלאָפען, ווען צו עסען, בלייבט נאָך אלץ ביי זיי אביסעל לעהרע צייט. עס איז דארום לעצטענס איינגעפיהרט געווארען א קלאס צו לערנען לעזען און שרייבען ענגליש. די־זער קלאס ווערט געגעבען צוויי שטונדען יעדען טאָג און איז בעזוכט פון א היבשע צאָהל פּאציענטען. דער קלאס ווערט גע־פיהרט פון מרס. ראזענבערג, די פרוי פון דעם מעדיקאל סופּער־אינטענדענט.

## ענדערונג אין מעדיצינישען פּערסאנאל.

אין יעדען פּריוואטען אדער צדקה אנשטאַלט — האָספּי־טאל אדער סאנאטאריום — ווען עס ווערט געביטען א דאָקטאָר, ווערט עס געטהאָן אָהן רעש, אהן טומעל און צו ענדע יאהר רעפּארטעט מען וועגען דעם אין צוויי־דריי שורות, אז דאָקטאָר א. איז אוועק און זיין פּלאַץ האָט פערנומען דאָקטאָר ב. אין א רעמאָקראטישען אנשטאַלט אבער, ווי אונזער סאניטאריום, וואו די פּאציענטען אזוי גוט ווי די אויטסייד מעמבערס ווייסען כמעט וועגען אלעס וואס קומט דאָרט פאר, דארף מען אָבגע־בען רעכנונג פאר יעדע וויכטיגע ענדערונג וואס ווערט געמאכט.

אָבוואהל עס איז שוין איין מאָל וועגען דעם רעפּארטעט גע־ווארען אין „פריינד" (אין דעם בעריכט פון דער סאנאטאריום קאָמיטע צו דער נאציאנאלער עקזעקוטיווע) דאָך פיהלען מיר, אז עס וועט ניט זיין איבריג צו וויעדערהאָלען עס אין דעם קאָנווענשאָן רעפּארט — פאר אייך, דעלעגאטען און מעמ־בערס פון ארבייטער רינג. די פראגע וועגען אָננעהמען די רע־זיגניישאָן פון דר. שוואַט, דעם פריהערינען מעדיקאל דירעק־טאָר און סופּעראינטענדענט פון סאנאטאריום איז בעשטאַנען אין פאלגענדען:

דר. שוואט האָט אוועקגעשיקט דעם בוך־קיפּער פון סא־נאטאריום, וועלכער האָט דאָרט געארבייט עטליכע יאהר, און אָנגעשטעלט אויף זיין פּלאַץ א מיידעל. נאָכהער האָט די קאָ־

מיטע ערפאהרען, אז דיזע בוך־קיפערין איז דר. שוואט׳ס א שוועגערין. זיי האָבען דאן געלאָזט וויסען דר. שוואט, אז, ערשטענס ווילען זיי, דאָס עס זאָל ווידער אָנגעשטעלט ווערען א מאן־בוך־קיפער און, צווייטענס, איז די קאָמיטע געגען דעם, אז דיזע בוך־קיפערין, אלס שוועגערין פון דר. שוואט, זאָל בלייבען ארבייטען.

די קאָמיטע וואס איז געווען אין סאנאטאריום האָט זיך דורכגערעדט וועגען דעם מיט דר. שוואט און איהם ערקלערט, אז צוליעב פיעלע אורזאכען איז ניט ווינשענסווערטה, אז פערוואנדטע פון דאָקטאָר זאלען ארבייטען אלס אָנגעשטעלטע אין סאנאטאריום. דר. שוואט האָט זיך אָבער ענטזאגט אוועקצושיקען די בוך־קיפערין, מיט דעם אויסרייד, דאָס ער איז פעראנטווארטליך פאר אלע אָנגעשטעלטע. דר. שוואט האָט נאָכהער געלאָזט וויסען שריפטליך, אז ער ענטזאגט זיך אוועקצושיקען די בוך־קיפערין. נאָר אויב די קאָמיטע בעשטעהט דורכאויס אויף איהר פאדערונג, זאל דער בריעף זיינער בעטראכט ווערען אלס רעזיגניישאָן.

דר. שוואט האָט לעצטען יאהר אויך אייניגע מאָל רעזיגנירט און גראדע צוליעב קליינינגקייטען. די קאָמיטע, נעהמענדיג אין אנבעטראכט די אונטאַקטישע אויפפיהרונג פון דר. שוואט צו ווארפען יעדעס מאָל דעם גט צו די פיס, האָט בעשלאָסען דיעזען מאָל זיין רעזיגניישאָן אָנצונעהמען. דר. שוואט האָט דאן צוגעשיקט א בריעף, וואו ער האָט געשריעבען, דאָס א קאָמיטע פון די פאציענטען האָט איהם געבעטען צו פערבלייבען און אויף זייער פערלאנג ציהט ער צוריק זיין רעזיגנאַציאָן. די סאנאטאריום קאָמיטע האָט זיך וועגען דער גאנצער פראגע בעראטהען מיט דער נאציאנאלער עקזעקוטיווע און עס איז בעשלאָסען געווארען די צוריקצוהינג פון זיין רעזיגניישאָן ניט אָנצונעהמען. די מעדיקאל אדוויזערי באָארד האָט אויך צוגעשטימט, אז דר. שוואט׳ס רעזיגניישאָן זאל אָנגענומען ווערען.

עס איז געווען א צאָהל פאציענטען וואס האָבען אנפאנגס פערלאנגט, אז דר. שוואט זאל פערבלייבען, ווייל זיי זיינען שוין צוגעוועהנט צו איהם. ווען מען האָט זיי אבער געגעבען צו פערשטעהן, דאָס אזא אונטאַקטישע אויפפיהרונג פון א דאָקטאָר קען ניט געדולדעט ווערען, דאָס עס איז ניט ווינשענסווערטה אז נאָהענטע קרובים פון דאָקטאָר זאלען ארבייטען אלס אָנגעשטעלטע אין סאניטאריום, האָבען די פאציענטען בעגריפען די סיטואציע און גוט געלייסען די האנדלונג פון דער סאניטאריום קאָמיטע.

אלעס איז געשליכטעט געווארען שטיל, רוהיג, אויפ׳ן בעסטען אופן. פיעל איז צו פערדאנקען די פריינדליכע און טאָלעראנטע בעציהונגען צווישען די פאציענטען און דער סאנאטאריום קאָמיטע, פיעל איז צו פערדאנקען דעם, וואס די פאציענטען און די קאָמיטע הייבען אָן אליין מעהר און מעהר צו פערשטעהן איינער דעם אנדערען.

דער אסיסטענט דאָקטאָר איז לעצטענס אוועק פון סאנאטאריום און אויף זיין פלאץ איז אָנגעשטעלט געווארען דר. היבש, וועלכער האָט געענדיגט אלס דאָקטאָר אין רוסלאנד און פראקטיצירט אין די זעמסטוואס. ער איז ביז ניט לאנג געווען פערבונדען מיט בעדפארד סאניטאריום און מיט דעם סטייט סאניטאריום פון פענסילווייניא וואס געפינט זיך אין האמבורג, פא. דר. היבש האָט זעהר א גוטע רעפוטאציע און אלע וואס קענען איהם האָבען וועגען איהם די בעסטע מיינונג.

## דר. ל. ראָזענבערג.

אויף דעם פלאץ פון דר. שוואט איז אָנגעשטעלט געווארען דר. ל. ראזענבערג, א מעמבער פון דער מעדיקאל אדוויזערי באָארד און א מענש וואס איז צוועלף יאהר געווען דער מעדיקאל סופעראינטענדענט פון בעדפארד סאנאטאריום און איז בעקאנט אלס ספעציאליסט אויף טובערקולאָזיס. פאר דער קורצער צייט וואס ער איז אין סאנאטאריום, האָט ער דורך זיינע איידעלע בענעהמונגען און דורך דעם פריינדליכען אינטערעס וואס ער צייגט ארויס צו יעדען, געוואונען רעספעקט פון די פאציענטען, אנגעשטעלטע און פערוואלטונג. מיר דריקען אויס אונזער אינערליכסטען דאנק צו דר. ל. ראזענבערג פאר זיין טרייהייט און איבערגעבענהייט וואס ער צייגט ארויס אי צו די פאציענטען אי צו דעם אלגעמיינעם וואהלזיין פון סאנאטאריום.

מיר האָפען, אז די ענדערונג אין מעדיצינישען פערסאָנאל וועט זיין צום בעסערען פאר דעם סאנאטאריום בכלל און די פאציענטען בפרט.

## מעדיקאל אדוויזערי באָארד.

אין וויכטיגע אנגעלעגענהייטען האָבען מיר זיך בעראטהען מיט דער מעדיקאל אדוויזערי באָארד, וועלכע בעשטעהט פון פאָלגענדע גוט בעקאנטע דאָקטוירים: דר. ראָם, טשערמאן; דר. דזש. האלפערן, סעקרעטער; דר. ס. אינגערמאן, דר. מ. פריעדמאן, דר. ראזענטהאל און דר. ש. פעסקין. מיר ווילען ביי דער געלעגענהייט אויסדריקען אונזער הערצליכסטען דאנק און טיעפסטע אנערקענונג פאר דעם נאָהענטען אינטערעס וואס זיי נעהמען אין אונזער סאניטאריום. בעזאָנדערס ווילען מיר דערמאָנען דר. דזש. האלפערן, אונזער אדמיטינג און וויזיטינג דאָקטאָר. זיין איבערגעבענהייט צו די אינטערעסען פון סאניטאריום איז אונשעצבאר. ניט בלויז בעציהט ער זיך ערענסט צו זיין אויפגאבע אלס אדמיטינג פיזישאָן און האָט אימער אין זין דעם וואהלזיין פון די פאציענטען און די אינטערעסען פון ארב. רינג, נאָר אויך אלס וויזיטינג דאָקטאָר האָט ער די אויפזיכט איבער אלע מעדיצינישע אנגעלעגענהייטען פון סאניטאריום, צו וועלכע׳ער בעציהט זיך מיט דער גרעסטער ערענסט און אויפמערקזאמקייט. דר. האלפערן בעזוכט דעם סאניטאריום יעדען מאָנאט.

## שלום.

דער רעפארט כאפט ווייט ניט ארום די גאנצע טהעטיגקייט פון דער סאנאטאריום קאָמיטע פאר דער צייט וואס זי איז אין אמט. אונזער סאנאטאריום איז א גרויסע ריעזיגע פינאנציעלע אונטערנעהמונג, וואס פאדערט די שטענדיגע אויפזיכט פון טרייע, איבערגעבענע מענשען. מיר האָבען אין רעפאָרט זיך אָבגעשטעלט בלויז אויף פראגען וואס טראגען אן אלגעמיינעם כאראקטער און וואס קענען אינטערעסירען די גאנצע מעמבערשיפ אין אלגעמיין. עס איז פערשטענדליך, אז אן אנשטאלט וואס האָט אויסגאבען פון העכער 85 טויזענד דאָלאר א יאהר, ווי עס צייגען די אויסגאבען פון ביידע סאנאטאריום פאָנדס אין 1917, קומט אויס אין פערלויף פון יאהר צו קויפען און פיקסען פיעלע קליינינגקייטע, קומט אויס צו מאַכען פערשיעדענע קלענערע און גרעסערע אויסבעסערונגען; אבער עס וואלט פערנומען צופיעל פלאץ אויף דיזע אלע קליינינגקייטען זיך אָבצושטעלען. מיר ווילען בלויז דערמאָנען, אז עס איז געקויפט געווארען א בייקינג מאשין (פאר פאציענטען וואס ליידען פון רהומאטיזם); א פניומאטאקאס, אן אפאַראט וואס ווערט געברויכט אין מאנכע פעלע פון טובערקולאָזיס טריטמענט. עס זיינען געמאכט געווארען נייע סטערעאפטישע בילדער; עס זיינען געפארבט געווארען די געביידעס אינערליך און אויסערליך; עס זיינען אויסגעבעסערט געווארען די ראודס אויף די גראונדס; עס איז געקויפט געווארען ליינען און בלענקעטס; עס איז איינגעפיהרט געווארען, אז יעדער ארטיקעל ווערט אין סאנאטאריום געאָרדערט דורך א סליפ מיט דער אונטערשריפט פון דר. ל. ראזענבערג און דער ביל מוז צוגעשיקט ווערען צוזאמען מיט דיעזען ארדער סליפ; עס איז געקויפט געווארען א מואווינג פיקטשור אפאַראט; עס זיינען פערזעעט געווארען פערשיעדענע וועדזשעטייבלס אויף אונזער פארם א. ד. ג., א. ד. ג.

אונזער קאָרעספאָנדענץ, וועלכע איז צייטענווייז א גאנץ היבשע, איז געפיהרט געווארען דורכ׳ן אפיס, און אלעס איז פינקטליך אטענדעד געווארען.

קיין נייע גרויסע איינריכטונגען זיינען דיזען יאהר ניט איינגעפיהרט געווארען. מיר קומען אבער צום קאָנווענשאָן מיט אן ערנסטען געפיהל פון צופריעדענהייט, דאָס מיר האָבען טריי און איבערגעבען ערפילט די מיסיאָן וואס די גרויסע מעמבערשיפ האָט אויף אונז ארויפגעלייגט, דאָס מיר האָבען ניט געזשאלעוועט קיין צייט, מיה און ענערגיע צו העלפען מאַכען דעם סאנאטאריום דאָס, וואס ער איז יעצט. מיר האָבען

זיכער ביינעשטייערט אונזער חלק צו העלפען פערשעהנערען און אויסבעסערען דעם ארבייטער רינג סאנאטאריום אזוי, דאס ער זאל זיין אי אנגענעהם און בעקוועהם פאר אונזערע פאציענטען, אי ער זאל ציהען צו זיך די אויפמערקזאמקייט פון א מאדערנע אינסטיטושאן.

מיר דריקען אוים אן ערנסטען דאנק צו די ברענטשעס און אונזער מיטגליעדערשאפט פאר דעם צוטרוי וואס זיי האבען געשאנקען צו אונזער אדמיניסטריישאן. מיר ווילען אויך אויס־דריקען א דאנק צו די פאציענטען פאר זייער טאלעראנטע און פריינדליכע בעציהונגען צו דעם מעדיצינישען פערסאנאל צו די אנגעשטעלטע און צו דער פערוואלטונג.

מיר האפען, אז אונזער סאנאטאריום וועט אויך אין דער צוקונפט געהן אויפ'ן וועג פון פראגרעס און וועט אימער בלייבען דער ציערונג פון אונזער ארדען.

סאנאטאריום קאמיטע א. ר.

# דעלעגאטען צו דער 18טער קאנווענשאן פון די פערוואלטונגס קאמיטעען און פראטוירנאל דעלעגאטען

## פערוואלטונגס קאמיטען

פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו קאמיטע — — —אב. עפשטיין

פון דער ארגאניזאציאנס קאמיטע — — — — — — —י. דינערשטיין

פון דער סאניטאריום קאמיטע — — — — — — — — — —ר. גוסקין

פון דער אפיס קאמיטע — — — — — — — — — —נ. פריימאן

פון דער בענעפיט קאמיטע — — — — — — — — —מ. גאלדינג

פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע — — — — — — — —ב. האפמאן

פון דער גריווענס קאמיטע — — — — — — — — —מ. וויינבלאט

פון דער נאציאנאלע באארד אף דירעקטארס — — —ס. שקלאווין

פון דער דושענעראל מעדיקאל אדווייזערי באארד — —דר. ה. קלימענקא

פון סאניטאריום מעדיקאל אהווייזערי באארד — — —דר. דזש. האלפערן

## פראטוירנאל דעלעגאטען.

פון לייבאר ליעג — — — — — — — — — — — — —ס. יאנאס און וום. באקסט.

פון פיונעראל דעפארטמענט — — — — — — — — —ר. אש

פון פיונעראל קאנטראל קאמיטע — — — — — —דזש. האלמסטאק

# דעלעגאטען צו דער 18-טער קאנווענשאן פון ארבייטער רינג

ניו יארק טעריטאָריע: ברענטש

1. ל. בעצאהלער — — — — 42
2. י. ה. ישורין — — 200
3. ל. דינערשטיין — — 99
4. א. אדלער — — — 510
5. י. וויינבערג — — 335
6. א. צוקער — — — 400
7. ל. ראָטהמאן — — 195
8. נ. פיינערמאן — — 165
9. א. וואָליצקי — — — 100
10. י. דריישפיעל — — 74
11. א. לאנגער — — — 354
12. ס. יאקאבי — — — 93
13. מ. פערלאוויטש — — 280
14. מ. י. אשפיז — — 410
15. ל. גינזבורג — — — 1
16. ה. שעהר — — — — 585
17. מ. וואלבערג — — — 82
18. י. סילווערמאן — — 455
19. מ. העס:על — — — 246
20. י. ראָטמאן — — — 49
21. ס. יעלין — — — — 38
22. ר. גינזבורג — — — 2
23. מ. איווענסקי — — — 194
24. ב. וואלאוויטץ — — 517
25. ר. זאלצמאן — — — 286
26. ס. נודעלמאן — — — 275
27. ס. יוראק — — — — 471
28. ס. הייפערלינג — — 439
29. ס. וואָלאָס — — — 75
30. י. קופערמאן — — — 72
31. מ. גאָרעליק — — — 206
32. מ. דייווידאף — — — 147
33. ר. קורהאן — — — 368
34. ד. אלפערין — — — 36
35. ס. דראבקין — — — 352
36. מ. גערשאנאָוו — — 132
37. מ. ספינראד — — — 235
38. מ. ס. מאלאט — — 576
39. ב. קרינסקי — — — 231
40. מ. פאָזעם — — — 87
41. ב. לעוויטאן — — — 600
42. מ. פערלשטיין — — 597
43. מ. עבעריל — — — 346
44. דזש. וויינשטיין — — 146
45. פ. פרידבערג — — — 5
46. י. סיגעל — — — — 33
47. ל. ביילין — — — 608
48. מ. פרידמאן — — — 28
49. י. קאסאָוויטץ — — 136
50. ה. גאָטליעב — — — 300
51. מ. זייעץ — — — — 64
52. ל. אלטמאן — — — 602
53. טש. מייערסאן — — 20

האָדסאָן קאונטי טעריטאָריע:

מ. ראוטש — — — — — 486
מ. שעהנבוים — — — — 59

מעין טעריטאָריע:

י. שאָהר — — — — — 317

נאָרפאָלק טעריטאָריע:

א. טורעצקי — — — — 120

באָפעלאָ טעריטאָריע:

פ. ב. פארענט — — — — 29

אמאַהאַ טעריטאָריע:

נ. אלפערט — — — — — 173

ברידשפאָרט טעריטאָריע:

אַנאַ קאפלאן — — — — 397

סענטערוויל טעריטאָריע:

א. קעסטין — — — — 487

טאראנטא טעריטאריע:

מ. לעהמאן — — — — — 418

וועסטשעסטער טעריטאריע:

ה. פאדים — — — — 163

קענזעס סיטי טעריטאָרי:

מ. לובארטאָווס — — 63

ראטשעסטער טעריטאריע:

נ. א. גארפיעלד — — — 152

אלבעני טעריטאָריע:

ד. אלעקסאנדער — — — 320

סיראקיוז טעריטאריע:

מ. צימערמאן — — — — 19

מילוואָקי טעריטאריע:

דזש. קאראס — — — — 484

מינעאפאלים טעריטאריע:

ל. דארפמאן — — — 353

סט. לואיס טעריטאריע:

א. פיללער — — — — — 60

סינסינעטי טעריטאריע:

ה. פדידלאנד — — — — 154

פראווידענס טעריטאריע:

י. פאוולאוו — — — — 110

ווילקעסבאר טעריטאריע:

ד. פארמעט — — — — 380

וואָטערבורי טעריטאריע:

פ. פייטעלסאן — — — 26

וואשינגטאָן טעריטאריע:

ב. מיימאן — — — — 334

סאוטה וועסט טעריטארי:

מ. וועגנער — — — — 415

פילאדעלפיע טעריטאריע:

ס. דענים — — — — 12
מ. פאלין — — — — 537
ס. עטינגער — — — — 520
א. הירשמאן — — — — 138
ל. סווערדלאָוו — — — 547
מ. ליכטמאן — — — — 575
ה. דארדיק — — — — — 305
ב. בעדקאוו — — — — 370
ע. טראכטמאן — — — 193

סאוטה איסט טעריטאריע:

ה. גלאזמאן — — — — 207

מאָנטרעאל טעריטאריע:

ה. ראכלענקא — — — 151

קאַליפארניא טעריטאריע:

דזש. גינזבורג — — — — 248

נוארק טעריטאריע:

י. סאשינסקי — — — — 23
מ. מינדלין — — — — 107
ה. ליען — — — — — 265
מ. קאָהען — — — — — 90
מ. קאפלאן — — — — 451

דעטראיט טעריטאריע:

א. לעוויט — — — — — 480
דזש. בערנשטיין — — — 156
א. פיטערס — — — — 337

שיקאגאָ טעריטאריע:

ס. גלאָבעדמאן — — — 252
ל. בענענסאן — — — 162
ש. דיימאנד — — — — 376
ב. קאָבלענץ — — — — 264
מ. בלומענטהאל — — — 306
ד. זילבערשטיין — — — 391
א. וויינשטיין — — — — 395

פעטערסאן טעריטאריע:

פ. סטיינבערג — — — — 62
טש. בראָמבערג — — — 160
ס. נאטאָוויץ — — — — 121

באלטימאָר טעריטאריע:

י. שילמאָווער — — — — 44
א. פעלאָוויץ — — — — 289
א. גלאזמאן — — — — 67

קלעוולאנד טעריטאריע:

ל. לעווין — — — — 430
ס. קויפמאן — — — — 79

הארטפארד טעריטאריע:

ד. סטאהל — — — — 184
י. מ. קאָהען — — — — 22

ניו הייווין טעריטאריע:

י. זאלקינד — — — — 589
י. ווארזבאוו — — — 232

פיטסבורג טעריטאריע:

ד. סיגעל — — — — 45
ב. סא אלסקי — — — — 488

# בעריכט פון דער גריוועגס קאָמיטע



מ. וויינבלאַט, טשערמאַן.
ל. ראָטהמאַן, ג. מעטץ, מ. מאלאט, ל. פלאַשענבערג.



צו די דעלעגאטען פון דער 18 יעהרליכער קאָנוועגשאָן, און צו אלע מעמבערם פון ארבייטער רינג.

ווערטהע פריינרע:

מיר גיבען אייך איבער דעם רעפּאָרט פון אונזער טהעטיגקייט פאר דעם לעצטען יאָהר. מיר גלויבען, אז די פונקציאנען און פליכטען פון דער גריוועגס קאָמיטע, וועלכע בעשטעהען פון, 1) אויפנעהמען אפּיעלס און קלאַגען, און 2) אויסטייטשען פונקטען פון דער קאָנסטיטושאָן, וועלכע זיינען ניט קלאָהר, האָבען מיר טריי, עהרענהאפט און פּינקטליך דורכגעפיהרט.

## אודיטינג דעפּארטמענט.

איידער מיר געהען איבער צו אונזער בעריכט ווילען מיר זאגען א פּאָר ווערטער וואָס אַנבעלאַנגט דעם אָדיטינג דעפּארטמענט וועלכער איז ביז היינטיגען יאהר געשטאַנען אונטער דער אויפזיכט פון דער גריוועגס קאָמיטע.

באלד ווי מיר זיינען אינסטאָלירט געווארען, האָט אונז די פאָריגע גריוועגס קאָמיטע אויפמערקזאם געמאכט אז די אויפזיכט איבער דעם אוידיטינג דעפּארטמענט דארף נאָך דעם בעשלוס פון דער נייער קאָנסטיטושאָן איבערגעגעבען ווערען צו דער אָפּיס קאָמיטע, אבוואהל מיר זיינען געווען איבערצייגט אז דיזער דעפּארטמענט איז בעסער צוגעפאסט צו דער קריוועגס קאָמיטע ווי פאר דער אָפּיס קאָמיטע, דערפאר ווייל עס פּאַסירט פילע גריוועגס קייסעס וואָס האָבען א דירעקטע פערבינדונג מיט דעם אוידיטינג דעפּארטמענט. צום ביישפּיעל, א סעקרעטער פון א ברענטש ווערט אָנגעקלאָגט אין אונפינקטליכקייט אדער פעלשונג אין די ביכער, עס פאדערט זיך אַן אונטערזוכונג אין די ביכער און צו האלטען די קאָפּיעס פון דער אונטערזוכונג וואס דער אוידיטינג דעפּארטמענט מאכט. איז ווען דאָס אלעס איז אונטער דער אויפזיכט פון דער גריוועגס קאָמיטע, קענען מיר צו יעדער צייט וויסען אלע איינצעלהייטען פון דער קיים, און מיר קענען אונגעשטערט אָנגעהן מיט דער ארבייט. ווען דאָס איז אבער אונטער דער אויפזיכט פון דער אָפּיס קאָמיטע, דארפען מיר פריהער לאזען וויסען דער אָפּיס קאָמיטע זיי זאלען ארדערען דעם בעטרעפענדען ברענטש צו שיקען די ביכער פאר אן אונטערזוכונג און נאָכהער פערלאנגען פון זיי אינפארמיישאָנס וועגען די רעזולטאטען וואס די אונטערזוכונג האָט ארויסגעבראכט. דאָס פערנעהמט פיעל צייט און ברענגט אין אלגעמיין שוועריגקייטען. מיר האָבען אָבער געמוזט אָבהיטען פּינקטליך אונזערע געזעצע און אזוי ווי די קאָנסטיטושאָן זאגט אויסדריקליך, אז: די אפּיס קאָמיטע האָט צו זאגען איבער אלעס וואס האָט צו טהאָן מיט דער ארבייט אין אָפּיס, און אזוי ווי די ארבייט פון אנטערזוכען די ברענטש ביכער ווערט געטהאָן פון אפּיס אָנגעשטעלטע, האָבען מיר דאָס איבערגעגעבען דער אָפּיס קאָמיטע.

מיר זיינען מיט דער מיינונג, אז עס וואלט געווען זעהר ראטהזאם, אז די קאָנוועגשאָן זאל אין דיזער הינזיכט מאכען א קליינע ענדערונג און בעשליסען איבערצוגעבען דיזען דעפּארטמענט צוריק צו דער גריוועגס קאָמיטע, צו וועלכער דיזער דעפּארטמענט איז אם בעסטען צוגעפאסט.

## גריוועגס-קייסעס.

וואס אנבעלאנגט גריוועגס קייסעס האָבען מיר דיזען יאהר געהאט וועניגער קייסעס ווי די קאָמיטע פון לעצטען יאָהר. דער רעקאָרד פון לעצטען יאהר ציינט 115 קייסעס וועהרענד דיזען יאהר האָבען מיר בלויז געהאט 74 קייסעס. 44 פון דיזע קייסעס זיינען פון אזא כאראקטער, דאָס מיר קענען זיך ניט אָבשטעלען אויף יעדער קייס בעזונדער. דאָס זיינען קייסעס וואס זיינען פעראורזאכט געווארען דורך טראבעל צווישען מעמבערס און ברענטשעס, אדער ברענטשעס און מעמבערס, וועלכע מיר האָבען געשליכטעט צו דער צופריעדענהייט פון אלע צדדים. קייסעס, וואס האָבען זיך בעצויגען אויף בענעפיט פראגען, ענטשיידונגען פון דער בענעפיט קאָמיטע פאר ניט אויסצאָהלען געוויסע בענעפיטס, און וועלכע זיינען צו אונז אַפּעלירט געווארען. אזעלכע האָבען מיר געהאט בלויז 13, וועגען די מעהר וויכטיגערע פון דיזע אפּיעלס ווילען מיר זיך ווייטער אין דיזען רעפּאָרט אָבשטעלען. קייסעס וואו עס האָט זיך געהאנדעלט וועגען מעמבערס, וואס האָבען פערבראכען געגען דער קאָנסטיטושאָן און פרינציפּען פון ארב. רינג, סיי אויף דעם פּאליטישען און סיי אויף דעם עקאָנאָמישען געביט. אזעלכע קייסעס האָבען מיר געהאט 13, און קייסעס וועגען מיסברויכען געלדער פון ברענטשעס, קלאגען געגען סעקרעטערע אדער טרעזשורערס, האָבען מיר געהאט בלויז 4.

אום ניט צו פערנעהמען צופיעל פּלאַץ ווילען מיר דאָ בלויז איבערגעבען איינינע וויכטיגע קייסעס פון יעדען סאָרט בעזונדער.

אין א געוויסען ברענטש האָט בעלאנגט א פּאָטער מיט זיינע צוויי זיהן, וועלכע האָבען זיך ענטזאגט צו צאָהלען דעם ביל פאר דעם דאָקטאָר. זיי האָבען ערקלעהרט, אז אויסער דעם וואס דער דאָקטאָר אטענדעט ניט צו זיי, האָבען זיי צו איהם ניט קיין צוטרויען. דיעזע מעמבערס האָבען פעראורזאכט אזוי פיעל טראבעל אין ברענטש ביז דער ברענטש איז געווען געצוואונגען צו בעשטראפען דעם פאטער מיט 48 דאָלאר. דער בעטרעפענדער האָט צו אונז אפּעלירט און פון די פערהאנדלונגען איבער זיין אפּיעל האָבען מיר ניט געקענט ארויסנעהמען די אורזאכען ווארום דער ברענטש האָט איהם שטראפירט, ווייל די גאנצע אנגעלעגענהייט איז געווען אזוי קאָמפּליצירט און ארומגערינגעלט מיט פיעלע זייטיגע זאכען, און אזוי ווי דער ברענטש געפינט זיך ניט ווייט פון ניו יארק, האבען מיר געמוזט שיקען א קאָמיטע כדי קלאָהר צו ווערען מיט אלע איינצעלהייטען. און נאָכדעם ווי מיר האָבען אלעס גענוי אונטערזוכט זיינען מיר געקומען צום בעשלוס אז די שטראָף וואס דער ברענטש האָט אויף דעם בעטרעפענדען מעמבער ארויפגעלעגט איז ניט געווען קיין בערעכטיגטע און מיר האָבען אויך בעפרייט די 3 מיטגליעדער פון צו צאָהלען די דאָקטאָר בילס. דער ברענטש האָט אָבער אין אלגעמיין צופיעל געליטען פון דיעזע מעמבערס און האָט ערקלעהרט אז זיי קענען דיעזע מעמבערס ניט האלטען אין ברענטש. די דריי מיטגליעדער אליין האָבען אויך ניט געהאט קיין צו גרויסע ליעבע פאר דעם ברענטש און מיר האָבען איינגעזעהן אז דאָס בעסטע וואלט געווען מען זאל זיי טראנספערירען אלס מעמבערס עט לארדזש.

אן עהנליכער פאַל האָט פּאסירט אין א צווייטען ברענטש וואו א מעמבער פלעגט מאַכען פיעלע שטערונגען. דער ברענטש

האָט פון איהם נעוואלט פטור ווערען און האָט זיך נעווענדעט צו אונז מיר זאלען איהם טרענספערירען. אין געוועהנליכע פעלע ווען עס האנדעלט זיך וועגען טרענספערירען א מיטגליעדער פון א ברענטש האָט דאָס צו טהאָן מיט דער נאצ. אָרג. קאָמיטע. אין דיעזען פאל האָט זיך דער ברענטש געווענדעט צו אונז, ווייל דער בעטרעפענדער מעמבער איז שוין איינמאָל געוועזען פערקלאָגט אין ברענטש און האָט צו אונז אפעלירט, און זייענדיג בעקאנט מיט די טראבעלס וואס דער מעמבער פעראורזאכט אין ברענטש, האָבען מיר דעם פערלאנג פון ברענטש בעווילינט. דער מעמבער האָט נעגען אונזער ענטשיידונג אפעלירט צו דער נאצ. עקז. קאָמיטע, וועלכע האָט אינז נאָך אמאָל איבערגעגעבען די קייס צו פערהאנדלען. מיר האָבען נעאָרדערט א ספּעשעל מיטינג פאר דעם ברענטש און געשיקט א קאָמיטע צום מיטינג, און ביי דיעזען מיטינג האָט זיך ארויסגעצייגט דער סענטימענט פון די מיטגליעדער פון ברענטש צו דיעזען מעמבער. עס האָט זיך ניט נעפונען איינער, וואס זאָל האָבען עטוואס צו זאגען צו גונסטען דעם בעטרעפענדען מעמבער. זאָגאר זיינע איינענע פריינד האָבען אויך ניט נעקענט רעכטפערטיגען זיינע האנדלונגען. מיר האָבען איינגעזעהן, אז עס וועט זיין ניט ראטהזאם צו טראנספערירען איהם אין אן אנדער ברענטש, ווייל ערשטענס וועט איהם קיין צווייטער ברענטש פון שטאָדט (פּעטערסאָן, נ. דזש.) ניט אריינגעהמען, ווייל כמעט אלע האָבען איהם נעקענט און געוואוסט פון די טראבעלס וואס ער האָט דעם ברענטש פעראורזאכט, און צווייטענס קען ער אין אן אנדער ברענטש אויך פערשאפען טראָבעל. דעריבער האָבען מיר בעשלאָסען צו מאכען איהם פאר א מעמבער עט לאַרדזש.

א געוויסער האָל קיפּער האָט פאר אונז אָנגעקלאָגט צוויי ברענטשעס פאר ברעכען מיט איהם די קאָנטראקטס. דיעזע ברענטשעס האָבען נעדונגען זיין האָל אויף געוויסע דייטס פאר אונטערנעהמונגען. די אונטערנעהמונגען האָבען אבער ניט שטאטנעפונען. די ברענטשעס האָבען דעם האָל קיפּער פריהער ניט נעלאָזט וויסען, און פאָלגליך האָט דער האָל קיפּער געהאט פערלוסטען. און אָבוואהל דער האָל קיפּער איז ניט קיין מעמבער פון ארב. רינג און די גאנצע אנגעלעגענהייט בעלאנגט ניט צו דער גריוועגס קאָמיטע, דאָך האָבען מיר געפונען פאר נויטיג די קלאגע אויפצונעהמען און מיר האָבען ארויסגערופען די ברענטשעס צו א הירינג. מיר האָבען דאָס געטהאָן דערפאר, ווייל מיר האָבען נעוואלט שליכטען די קייס אויף א פרידליכען אופן און פערמיידען אז ברענטשעס פון ארב. רינג זאלען דארפען אריינגעצויגען ווערען אין קאורט פראצעסען און נאָך דארפען צאָהלען קאורט עקספּענסעס.

מיר בעריכטען דיעזען פאל איינשליסליך דערפאר ווייל מיר ווילען אז אונזערע ברענטשעס זאלען זיין מעהר פארזיכטיג אין אזעלכע אנגעלעגענהייטען און דער נאָמען פון ארב. רינג זאל דערפון ניט דארפען ליידען.

## אפּיעלס וועגען בענעפיטס.

א געוויסער מעמבער, וועלכער איז אריינגענומען געוואָרען אין ארב. רינג צוזאמען מי[illegible] א סאָסייעטי, וועלכע איז געוואָרען א ברענטש, האָט ביים דאָקטאָר עקזאמיניישאָן ערקלעהרט אז ער האָט אמאָל געהאט א „טאָטש" אויף אפּענדיסיטיס. דער דאָקטאָר האָט רעקאָמענדירט אז [illegible] ער קאנדידאט [illegible] אריינגענומען ווערען ווען ער וועט אינטערשרייבען א „וויייווער", דאָס אין פאל ער וועט קראנק ווערען אויף אפּענדיסיטיס זאָל ער ניט זיין בערעכטיגט צו קיין בענעפיט.

נון האָט פאסירט אז דער מעמבער האָט דורכגעמאכט אן אָפּערייש[א]ן אויף אפּענדיסיטיס און דער ברענטש האָט אריינגעשיקט אין אפּיס סערטיפיקייטס פאר ראנקען בענעפיט. די בענעפיט קאָמיטע האָט, זעלבסטפערשטענדליך, דיעזע בענעפיט סערטיפיקייטס צוריקגעוויזען. דער ברענטש האָט צו אונז אפּעלירט אויף דעם גרונד וואס דער מעמבער האָט ערקלעהרט אז בשעת ער האָט דעם וויייווער אונטערשריעבען האָט מען א[י]הם ניט ערקלעהרט וועגען וואס עס האנדעלט זיך. ווען מען וואלט איהם ערקלעהרט וואלט ער אזא וויייווער ניט אונטערגעשריעבען.

מיר האָבען צו דער הירינג ארויסגערופען די פערטרעטער פון דער ניו יאָרקער סיטי ארנ. קאָמיטע, וועלכע איז אנוועזענד געוועזען ביי דער דאָקטאָר עקזאמיניישאָן פון דיעזען ברענטש, אין די קאָמיטע האָט אונז איבערגעגעבען אז יעדען מאָל ווען [illegible] קאנדידאט דארף אונטערשרייבען א וויייווער, ווערט דאָס צו דעם [illegible]אנדידאט גענוי ערקלעהרט און אין דיעזען פאל געדענקען זיי גוט, אז דער בעטרעפענדער מעמבער איז גענוי אינפארמירט געוואָרען איידער ער האָט דעם וויייווער אונטערגעשריבען. עס האָט נאָך איבערהויפּט קיין מאָל ניט פאסירט, [illegible] דער ארב. רינג זאָל אויף אירגענד וועלכען אופן אויסנאָרען ביי א קאנדידאט אן אונטערשריפט. מיר האָבען דעם אפּיעל פון ברענטש צוריקגעוויזען.

אין א געוויסען ברענטש אין ניו יאָרק האָט פאסירט אזא פאל: א מעמבער איז געשטראכען געוואָרען פרייטאג אבענד, דעם 30טען נאָוועמבער, און שבת דעם 1טען דעצעמבער אין דער פריה האָט זיך דער זעלבער מעמבער געמאָלדען קראנק צום האָספּיטעלער און האָט איהם ערקלעהרט אז צוליעב דעם, וואס ער איז קראנק האָט ער ניט געקענט קומען [illegible] מיטינג איינצאָהלען זיין ביל. דער סעקרעטער פון ברענטש, ניט ווייסענדיג אז דער מעמבער איז קראנק, האָט דעם מעמבער געמאָלדען אין אפּיס דעם 5טען דעצעמבער פאר געשטראכען, און ערשט דעם 13טען דעצעמבער האָט ער איהם רעאינסטייטעט. דער אפּיס האָט נאָכהער ערהאלטען סערטיפיקייטס פאר 3 וואכען, פון דעם 1טען ביז דעם 21טען דעצעמבער. די בענעפיט קאָמיטע האָט אָבער בעשלאָסען איהם אויסצוצאָהלען בלויז פאר 2 וואכען, ווייל פון דעם 5טען ביז דעם 13טען איז ער געווען א געשטראכענער. דער ברענטש האָט צו אונז אפּעלירט און ביי דער הירינג האָט זיך ארויסגעצייגט פאָלגענדעס: אז דער האָספּיטעלער האָט דורך א צווייטען מעמבער פון ברענטש יאָ געלאָזט וויסען דעם סעקרעטער אז דער בעטרעפענדער איז קראנק. נור דורך א מיספערשטענדניס האָט דאָס דער מעמבער דעם סעקרעטער ערשט איבערגעגעבען עטליכע טעג נאָכדעם ווי דער מעמבער איז שוין געווען אין אָפּיס נעשטראכען. אין צווייטענס, האָט מען דעם מעמבער געשיקט א רעדזשיסטרירטען בריעף בלויז דריי טעג איידער מען האָט איהם אָפּיציעל געשטראכען. ד. ה. וועהרענד דער מעמבער האָט זיך געמאָלדען קראנק איז ער געוועזען פאָלקאָם נוטשטעהענד, און אזוי ווי לויט דער קאָנסטיטושאָן דארף א מעמבער קריגען נאָטיס אם וועניגסטענס 10 טעג צייט איידער מען שטרייכט איהם, האָבען מיר אויף דעם גרונד פון דער אונגעזעצליכער שטרייכונג פון דיעזען מעמבער, גוט געהייסען דעם אפּיעל פון ברענטש און בערעכטיגט דעם מעמבער צו די פולע דריי וואכען בענעפיט. מיר ווילען אָבער דאָ אָנדייטען, אז דער האָספּיטעלער און דער סעקרעטער פון דיעזען ברענטש פערדיענען ביידע געטאדעלט צו ווערען. דער ערשטער פאר ניט רעפּאָרטען דירעקט צום סעקרעטער וועגען דעם פאל, און דער צווייטער פאר שטרייכען מעמבערס אויף אן אונגעזעצליכען וועג.

מיר ווילען דאָ איבערגעבען נאָך א קייס וואס אונז איז אויסגעקומען צו פערהאנדלען און וועלכע מיר דענקען איז זעהר וויכטיג.

אן עקס פאציענט פון סאנאטאריום האָט זיך צו אונז געווענדעט מיט אן אפּיעל, אין נאָמען פון אלע פאציענטען, מיר זאָלען ארדערען דער סאנאטאריום קאָמיטע צו בעוויליגען דעם פערלאנג פון די פאציענטען, וועלכער בעשטעהט אין פאָלגענדעס: אז די צייט וואס א פאציענט פערלאָזט דעם סאנאטאריום אין פערלויף פון טערמין, און פאָהרט אויף עטליכע טעג צו זיין פאמיליע, זאָל פון דעם פאציענט'ס טערמין ניט אָפּגערעכענט ווערען. מיר האָבען איינגעלאַדען די סאנאטאריום קאָמיטע, וועלכע האָט אונז ערקלעהרט אז דיעזע איינריכטונג עקזיסטירט שוין זייט דער סאנאטאריום איז ערעפענט געוואָרען, און דיעזע איינפיהרונג איז אויסשליסליך געמאכט געוואָרען כדי צו פערהיטען דעם געזונד פון די פאציענטען. ווייל עס פאסירט פיעלע מאָהל, אז מאנכע פאציענטען, וועלכע קריגען ערלויבניש פון דאָקטאָר אוועקצופאָהרען צו זייערע פאמיליען אויף 4-5 טעג, קומען זיי ערשט צוריק

נאָך אן אבוועזענהייט פון 8, 10 און אמאָל 12 טעג. און ווען זיי וואָלטען נאָך געוואוסט אז דיעזע צייט ווערט פון זייער טערמין ניט ארונטערגערעכענט וואָלטען זיי זיך פיעל מעהר פערזאמט, און דאָס קען זעהר שלעכט ווירקען אויף זייער געזונד. און איבריגענס, איז דאָס א טראדיציאנעלע איינפיהרונג וואס זיי קענען ניט און טאָרען ניט ברעכען. מיר האָבען איינגעזעהן די גערעכטע טענה פון דער סאנאטאריום קאָמיטע, און מיר האָבען דעם אפּיעל צוריקגעוויזען.

## קייסעס וועגען פערברעכען געגען די פּרינציפּען פון א. ר.

מיר האָבען, ווי געזאָגט, אויך געהאט צו פערהאנדלען וועגען קלאגען געגען מעמבערס וואס האָבען איבערטרעטען די גרונד פּרינציפּען פון אונזער ארגאניזאציאָן. עס וואָלט ווינשענסווערטה געווען וועגען אלע צו בעריכטען. עס וואָלט אָבער בעדאַרפט פערנעהמען צופיעל פּלאַץ און מיר וועלען בלויז איבערגעבען איינינע פון זיי.

א ברענטש האָט בעשטראָפט איהרען א מיטגליעד מיט 50 דאָלאר דערפאר וואס ער איז ניט ארונטערגעגאנגען אין סטרייק. דער מעמבער האָט צו אונז אפּעלירט און די אונטערזוכונג האָט בעוויזען פאָלגענדעס:

דער בעטרעפענדער מעמבער איז א פאָרמאן אין א פּרינטינג שאָפּ, וואו עס ווערען געדרוקט לעטישע אויסגאבען. ער איז דער איינציגער איד וואס ארבייט דאָרט, און מיט א פּאָר יאהר צוריק זיינען די קריסטליכע ארבייטער ארויס אין סטרייק דערפאר, וואס זיי האָבען ניט געוואָלט האָבען אז דער פאָרמאן זאָל זיין א אידישער. יענער סטרייק איז פערלארען געגאנגען, און מיט א צייט שפּעטער זיינען זיי ווידער ארויס אין סטרייק צוליעב אנדערע אורזאכען און האָבען אויפגעפאדערט דעם פאָרמאן ער זאָל אויך ארונטערגעהן. ער, וויסענדיג זייערע בעציהונגען צו איהם, האָט זיך ענטזאגט, דערפאר ווייל ער האָט פערדעכטיגט אז דער סטרייק איז ווידער געציעלט געגען איהם, ווייל ווען ער געהט ארונטער וואָלט ער זיכער פערלארען דעם פּלאַץ און דאָס איז אייגענטליך געווען וואס די קריסטליכע ארבייטער האָבען מיט דעם סטרייק געוואָלט בעצוועקען און אונטער אזעלכע אומשטענדען האָט ער נאַטירליך ניט געקענט ארונטערגעהן. מיר האָבען אין אזא פאל ניט געקענט בעטראַכטען זיין האנדלונג געגען די פּרינציפּען פון ארב. רינג, ווייל דער ארב. רינג קען ניט סימפּאטיזירען מיט אזעלכע סטרייקערס ביי וועמען דער ראסען־האס שטעהט העכער ווי דער מענשליכער פּאָרטשריט. דעריבער האָבען מיר די שטראָפען פון דיעזען מעמבער ארונטערגענומען.

אין א שטעדטעל ניט ווייט פון ניו יארק, זיינען די קאָטערס פון דעם גרויסען שניידער שאָפּ וואס דאָרט געפינט זיך ארונטער אין סטרייק. דער ברענטש פון שטעדטעל האָט זעהר ענערגיש מיטגעהאָלפען אז דער סטרייק זאָל געוואונען ווערען. בלויז איין מעמבער פון דיעזען ברענטש, וועלכער איז אליין א קאַטער, האָט זיך ענטזאגט ארונטער צו געהן סטרייקען, און דער ברענטש האָט בעשלאָסען איהם אויסצושליסען אלס מעמבער פון ארב. רינג. איינינע מעמבערס פון ברענטש זיינען אָבער ניט געוועזען צופריעדען מיט דעם בשלוס און האָבען געפאָדערט אז די גריוועגס קאָמיטע זאָל די קייס פערהאנדלען. דער ברענטש האָט דעם פערלאנג נאָכגעגעבען און האָט זיך געווענדעט צו אונז מיר זאָלען ארויסשיקען א קאָמיטע צו א ספּעציעלען מיטינג וואס זיי האָבען גערופען וועגען דיזער פראַגע, און נאָכדעם ווי מיר האָבען אויסגעהערט די פערטהיידיגונג פון דעם בעטרעפענדען מעמבער, זיינען מיר געקומען צום בעשלוס, אז דער בעטרעפענדער זאָל שטראָפירט ווערען מיט 50 דאָלאר. אויב אָבער ער וועט ווערען א גוט־שטעהענדער מעמבער אין דער יוניאָן זאָל די שטראָף פון איהם ארונטערגענומען ווערען.

א צווייטע קייס פון אן ענליכען כאראקטער האָבען מיר געהאט פאָלגענדע: אין א געוויסער שטאָדט, וואו עס געפינט זיך א גרויסע וואטש־פעקטאָרי, זיינען איינינע הונדערט לייטע ארויס אין סטרייק. דאָרט האָט אויך געארבייט א מעמבער פון ארב. רינג. דער ברענטש האָט איהם אויפגעפאָדערט ער זאָל ארונטער אין סטרייק אָבער ער האָט זיך ענטזאגט. דער ברענטש האָט איהם שטראָפירט מיט 48 דאלאר. דער בעטרעפענדער האָט צו אונז אפּעלירט אויף דעם גרונד וואס ער איז אן אינספּעקטאָר, וואס האָט גאר ניט צו טהאָן מיט דעם דעפּארטמענט, וועלכער האָט געסטרייקט. דער ברענטש האָט גע׳טענה׳ט אז אינספּעקטאָרס זיינען אויך ארונטער אין סטרייק. ער האָט דאָס אָבער געלייקענט. מיר האָבען געשריבען צום ברענטש און אויך צו דער יוניאָן פון יענער שטאָדט זיי זאָלען אונז צושטעלען בעווייזע אז אינספּעקטאָרס האָבען אויך געסטרייקט, און ניט דער ברענטש און ניט די יוניאָן האָבען אונז אזעלכע בעווייזע צוגעשטעלט, וועהרענד דער בעטרעפענדער מעמבער האָט אונז צוגעשטעלט א געשוואָרענעם אפּידייוויט, אונטערשריבען פון 12 אינספּעקטאָרס, וואס האָבען געארבייט אין דיזער פעקטאָרי אין וועלכען זיי האָבען ערקלעהרט, אז קיינער פון די אינספּעקטאָרען זיינען ניט גערופען געוואָרען סטרייקען, ווייל זייער ארבייט האָט גאָר ניט צו טהאָן מיט דער ארבייט פון דעם דעפּארטמענט אין וועלכען די עטליכע הונדערט ארבייטער האָבען געסטרייקט.

מיר האָבען דארום געפונען פאַר נויטיג גוט צו הייסען דעם אפּיעל פון דעם בעטרעפענדען מעמבער, און איהם בעפרייט פון דער שטראָפע.

א זעהר אינטערעסאנטע קייס האָבען מיר געהאט אין בעצוג איבערטרעטען די פּרינציפּען פון ארב. רינג אויף דעם פּאָליטישען געביעט.

אז געוויסע צאָהל מעמבערס פון א ברענטש זיינען פערקלאָגט געוואָרען אז ביי די פּריימעריעס האָבען זיי געשטיצט א דעמאָקראטישען קאנדידאט. דער ברענטש האָט יעדען פון דיזע מעמבערס בעשטראָפט מיט 25 דאָלאר. די בעטרעפענדע האָבען צו אונז אפּעלירט און האָבען מאָטיווירט זייער אפּיעל אויף דעם גרונד וואס זיי האָבען בעסער געוואָלט שטיצען א ליבעראלען קאנדידאט, וועלכער האָט געהאט גרויסע מעגליכקייטען ערוועהלט צו ווערען, וועהרענד דער סאציאליסטישער קאנדידאט האָט קיינע מעגליכקייטען ניט געהאט ערוועהלט צו ווערען. אבוואהל די מאָטיווען זייערע שיינען צו זיין עהרליכע האָבען מיר אָבער דאָך געפונען פאַר נויטיג גוט צו הייסען אין פּרינציפּ דעם בעשלוס פון ברענטש דאָס דיזע מעמבערס האָבען פערבראָכען געגען די עלעמענטארע פּרינציפּען פון אונזער ארגאניזאציאָן. מיר האָבען אָבער זייער שטראָף פערקלענערט פון 25 אויף 5 דאָלאר.

## קייסעס וועגען מיסברויכען געלדער.

צום לעצט וועלען מיר אייך איבערגעבען איינינע קייסעס וועלכע האָבען געטראָגען דעם כאראקטער פון מיסברויכען געלדער.

אין א געוויסען ברענטש איז אויסגעפונען געוואָרען, אז לויט ווי די ביכער צייגען, פעהלט א געוויסע סומע געלד. דער סעקרעטער האָט געקליימט אז דער טרעזשורער איז דערפאר פעראנטוואָרטליך און דער טרעזשורער האָט גע׳טענה׳ט אז דאָס געלד דאַרף זיין ביים סעקרעטער. דער ברענטש האָט זיי ביידע געהאלטען פעראנטוואָרטליך און געמאָהנט פון ביידע די סומע. ביידע האָבען צו אונז אפּעלירט. מיר האָבען געארדערט דעם אדיטינג דעפּארטמענט נאָך אמאָל צו אונטערזוכען די ביכער. די אונטערזוכונג האָט אָבער ארויסגעבראכט דעם פאקט, אז פאַר דער סומע וואס האָט געפעהלט איז בלויז פעראנטוואָרטליך דער טרעזשורער, ווייל דאָס געלד האָט געפעהלט פון דעם טשעק־אַקאונט וואס דער טרעזשורער האָט אליין געפיהרט און עס האָט גאר ניט געהאט צו טהאָן מיט דעם סעקרעטער. מיר האָבען דארום געלאָזט וויסען דעם ברענטש אז זיי דאַרפען דאָס געלד מאָהנען בלויז ביים טרעזשורער. האָט אָבער פּאסירט אז אין דער צווישען צייט וואס עס איז אָנגעגאנגען די אונטערזוכונג, איז דער טרעזשורער אוועק אין אן אנדער שטאָדט און איז געשטראָכען געוואָרען. און אזוי ווי דער ברענטש האָט דאָס ניט געקענט מאָהנען ביים טרעזשורער, האָבען זיי זיך ניט געוואָלט רעכענען מיט דעם פאקט פון דער אונטערזוכונג און האָבען פערפאָלגט דעם סעקרעטער. זיי האָבען די סומע ארויפגעשטעלט אויף דעם ביל פון סעקרעטער און האָבען איהם געשטראָכען. דער סעקרעטער האָט צו אונז אפּע־

לירט, מיר האָבען איינינע מאָל געאָרדערט דעם ברענטש אז זיי זאָלען דעם סעקרעטער רעאינסטייטען, אָבער דער ברענטש האָט זיך ענטזאָגט. מיר האָבען דארום געפונען פאַר רעכט דעם בעטרעפענדען אליין צו רעאינסטייטען און איהם טרענספערירען אין אן אנדער ברענטש. דער ברענטש איז אבער ניט געווען צופריעדען מיט אונזער האנדלונג און האָט ערקלעהרט אז זיי וועלען האלטען דעם אָפיס פעראנטווארטליך פאַר די געלד. און אויב דער אפיס וועט זיי דיעזע סומע ניט קרעדיטירען וועלען זיי זיך אין גאנצען לאָזען שטרייכען פון ארב. רינג. מיר האָבען גערופען א ספּעשעל מיטינג פון ברענטש און געשיקט א קאָמיטע, מיר האָבען אויך אויפגעפאדערט אז דער געוועזענער סעקרעטער זאל קומען צום מיטינג און נאָך א גאנץ לאנגער דיסקוסיאן איז אונז געלונגען צו שליכטען די פראגע אויף א פריעדליכען אופן. דער געוועזענער סעקרעטער איז פערבליבען צוריק א מעמבער אין ברענטש מיט די בעסטע, פריינדליכסטע בעציהונגען.

א צווייטע קייס פון אן עהנליכען כאראקטער האָבען מיר געהאט ווי פאלגט: א געוויסער ברענטש האָט געמאכט אן אונטערנעהמונג פאַר סטרייקערס. זיי האָבען אנפערטרויעט די אונטערנעהמונג און די געלד צו זייערען אן אקטיווען מעמבער. ביים אָברעכענען האָט זיך ארויסגעצייגט, אז עס פעהלט א פאַר הונדערט דאָלאר. נור אזוי ווי זיי האָבען פאַר קיין פאל ניט געקענט אויסגעפינען די גענויע בעווייזע וועלכע זיי זאָלען אויהם קענען האלטען פעראנטווארטליך פאַר דער גאנצער סומע, האָבען זיי איהם בלויז געהאלטען פעראנטווארטליך פאַר דער סומע איבער וועלכער זיי האָבען געהאט דירעקטע בעווייזע. — דאָס איז געווען א סומע פון עטוואס מעהר ווי 60 דאָלאר, — זיי האָבען דיעזע סומע פון איהם געמאָהנט און ווען ער האָט זיך ענטזאגט צו בעצאָהלען, האָבען זיי איהם געשטראכען און ער האָט צו אונז אפּעלירט. דיעזע פאסירונג האָט אין ברענטש ארויסגערופען צווייסטיגקייטען און קריגערייען, און די נאצ. ארג. קאָמיטע האָט געמוזט בעזוכען דיעזען ברענטש, און ווי ריזע קאָמיטע האָט אונז איבערגעגעבען, האָט זיך ארויסגעצייגט, אז דער בעטרעפענדער איז ווירקליך שולדיג. מיר האָבען דעם אפּיעל צוריקגעוויזען.

נאָך איין וויכטיגע קייס ווילען מיר אייך איבערגעבען און דאָס איז פאלגענדע:

אין א געוויסער שטאָדט האָט א ברענטש געמאכט אן אונטערנעהמונג באַר דעם צוועק צו שטיצען די רוסישע רעוואָלוציאן. דאָס געלד איז איבערגעגעבען געווארען צום טרעזשורער. מיט עטליכע וואכען שפּעטער האָט דער ברענטש געדארפט האָבען געלד פאַר אן אנדער צוועק און האָט בעשלאָסען אויסצולייהען פון דער סומע וואס איז געווען ביים טרעזשורער. דער טרעזשורער האָט זיך אבער ענטזאגט ארויסצוגעבען דעם ברענטש דאָס געלד, ערקלעהרענדיג אז דער ברענטש האָט ניט קיין רעכט צו בענוצען זיך מיט געלדער וועלכע זיינען בעשטימט געווארען פאַר אן אנדער צוועק. דער טרעזשורער האָט ביי אונז אנגעפרעגט ווי צו האנדלען. מיר האָבען איהם ערקלעהרט, אז אָבוואָהל ער איז, לויט זיין שטאנדפּונקט, גערעכט, דאָך האָט ער ניט קיין רעכט צו פערהאלטען געלדער וואס בעלאנגען צום ברענטש. אויב דער ברענטש האָט בעשלאָסען דאָס געלד אויסצולייהען מוז ער דאָס ארויסגעבען. וואָס אנבעלאנגט די האנדלונג פון ברענטש קען ער דעם ברענטש פערקלאָגען.

שלום.

פריינדע, מיר האָבען אייך אין קורצען איבערגעגעבען א גרויסען טהייל פון די וויכטיגע קייסעס וואס מיר האָבען אין פערלויף פון יאהר פערהאנדעלט. מיר האָבען אייך אָנגעדייטעט די ארט און ווייזע ווי אזוי מיר האָבען אין איינינע קייסעס געהאנדעלט. דאָרט וואו עס האָט זיך געפאדערט אונזער אנוועזענהייט אויסצוגלייכען סכסוכים, מיספערשטענדניסע און צוויסטיגקייטען, האָבען מיר דאָס גערן געטהאָן. אונזערע האנדלונגען זיינען געווען אונפארטייאישע און האָבען אלע מאָל געטראגען א דעמאָקראטישע און א יושר׳דיגען כאראַקטער. און מיר האָפען, אז דיעזע ארבייט וועט פון אייך אָבגעשעצט ווערען אין דעם זעלבען ערנסטען גייסט.

מיר בעדאנקען אייך פאַר דעם גרויסען צוטרויען וואס איהר האָט אונז איבערגעגעבען און מיר פערבלייבען מיט פריינדליכען גרוס,

נאַצ. גריוועגס קאָמיטע ארב. רינג.

# בעריכט פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע

ב. האָפמאן (צביון) טשערמאן

ס. יעלין, אב. צוקער, ר. זאלצמאן, ה. באזעל.



ווערטהע פריינדע:—

עס איז ניט די אבזיכט פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע צו געבען דאָ אן אויספיהרליכען רעפּאָרט פון דעם יאהר ארבייט, וואָס זי האָט אָבגעטהאָן. די ארבייט פון דער עדיוקיישאנאל קאָמיטע איז א פיעל־זייטיגע, א פערצווייגטע און איז פערבונדען מיט אזוי פיעל טעכנישע איינצעלהייטען, אז אין א קורצען בעריכט איז אונמעגליך אלעס איבערצוגעבען. די עדיוקיישאנאל קאמיטע וויל דאָ בלויז געבען אן אלגעמיינעם איבערבליק פון איהר ארבייט, בעריהרען בלויז די הויפּט־פּונקטען און אויסלאָזען די איינצעלהייטען.

די עדיוקיישאנאל קאָמיטע ערלויבט זיך צו געבען זיך אליין א שבח, אז זי האָט געשטרעבט צו טהאָן ארבייט און צו ערפילען די אויפגאבע, וואָס איז אויף איהר אויפגעלעגט געווארען. די מיטגליעדער פון דער קאָמיטע האָבען ניט געשפּאָרט קיין צייט און קיין מיה צו ערפילען די פליכטען צום ארבייטער רינג, וועלכע זיי האָבען אויף זיך גענומען. עס דארף אינטערגעשטראָכען ווערען דער פאקט, דאָס אין פערלויף פון יאָהר האָט די עדיוקיישאנאל קאָמיטע כמעט ניט אויסגעפעהלט קיין איינציגע וואָך, וואָס זי זאָל ניט האָבען איהר רעגולערען מיטינג, און אויף יעדען מיטינג איז געווען א צימליך לאנגער טאגעס־אָרדנונג, וואָס האָט געדארפט ערלעדיגט ווערען. דער ווילען און דאָס בעשטרעבען פון דער קאָמיטע צו טהאָן ארבייט איז געווען גוט, און אויב ניט יעדער אונטערנעהמונג פון דער עדיוקיישאנאל קאָמיטע האָט זיך געקרוינט מיט אן ערפאָלג, און אויב זי האָט ניט געקענט בעפריעדיגען יעדען ברענטש פון ארבייטער רינג, וואָס האָט זיך צו איהר געווענדעט, איז דאָס ניט געווען צוליעב דער שולד פון דער קאָמיטע, נאָר צוליעב זייטיגע אומשטענדען, וועגען וועלכע עס וועט אין דעם בעריכט גערעדט ווערען אביסעל אויספיהרליכער.

די עדיוקיישאנאל קאָמיטע האָט זיך געהאלטען פאַר דעם כלל, אז אלע אינסטיטוציעס, וועלכע זיינען איינגעפיהרט געוואָרען פון די פריהערדיגע עדיוקיישאנאל קאָמיטעס, דארפען ווייטער פארטגעזעצט ווערען און וואו נויטיג אויסגעבעסערט ווערען. זי האָט זיך געהאלטען פאַר דער מיינונג, אז איהר אויפגאבע איז ניט צו פערבראקירען דאָס אלטע, וואָס איז געטהאָן געוואָרען פון אנדערע און אָנפאנגען אלץ פון דאָס ניי, נאָר זי האָט פיעל מעהר גערעכענט פאַר איהר אויפגאבע אויסצונוצען אלעס, וואָס איז געשאפען געוואָרען פון

# עדוקיישאָן פאָנד.

## איננאַהמען און אויסגאַבען פאַר דעם יאָהר 1917 אין פערגלייך מיט 1915 און 1916.

| איננאַהמען: | 1915 | 1916 | 1917 |
|---|---|---|---|
| טאַנצען קלאַס | ——— | $261.60 | ——— |
| באַלאַנס פון לעצטען יאָהר | $182.46 | ——— | ——— |
| פון לעקטשורס | ——— | 30.45 | ——— |
| פיפעלס יוניווערסיטי | ——— | 16.00 | ——— |
| פון דיוס | 2,534.91 | 2,943.56 | 4,139.54 |
| פון סינגינג כאָר | ——— | 75.10 | ——— |
| טאָטאַל איננאַהמען | $2,717.37 | $3,226.71 | $4,139.54 |
| פערלוסטען פון געשטראָכענע מעמבערס | 68.89 | 54.37 | 93.99 |
| טאָטאַל נעט איננאַהמען | $2,648.48 | $3,272.34 | $4,045.55 |
| גרענד טאָטאַל | $2,660.17 | $4,048.90 | $4,956.94 |

| אויסגאַבען: | 1915 | 1916 | 1917 |
|---|---|---|---|
| קאָנצערטען | ——— | 87.10 | 17.00 |
| האָלס | 3.00 | 565.50 | ——— |
| רעילראָוד פעירס | 8.00 | 27.00 | 6.66 |
| קאָמיטעס | 170.64 | 160.17 | 214.29 |
| לעקטשורס | 1,321.93 | 943.90 | 1,054.87 |
| סטערעאָפטישער מאַשין אָפּערייטאָר | 6.00 | ——— | ——— |
| פּרינטינג און סטיישאָנערי | 95.09 | 275.86 | 98.97 |
| אַדווערטייזמענטס | 153.70 | 372.45 | ——— |
| פערשיעדענעס | 13.84 | 17.05 | 22.68 |
| פּאָסטיידזש | 46.87 | 58.21 | 50.19 |
| סעקרעטערס סאַלאַרי | 162.00 | 114.00 | 630.00 |
| טעלעפאָן און טעלעגראַמס | 10.36 | 30.02 | 53.74 |
| עקספּרעסעדזש | ——— | ——— | .28 |
| קאַר פעיר | 2.95 | ——— | ——— |
| סינגינג אינסטראַקטאָר | 90.00 | 420.00 | 675.00 |
| האַרלעם עדוקיישאָנאַל קאָמיטע | 25.00 | ——— | ——— |
| האַדסאָן קאָ. עדוקיישאָנאַל קאָמיטע | ——— | ——— | 15.00 |
| דאון טאון עדוקיישאָנאַל קאָמיטע | 125.00 | ——— | ——— |
| באַלטימאָר עדוקיישאָנאַל קאָמיטע | 25.00 | 50.00 | ——— |
| פילאַדעלפיא עדוקיישאָנאַל קאָמיטע | 125.00 | 125.00 | 235.80 |
| ראָטשעסטער עדוקיישאָנאַל קאָמיטע | 25.00 | ——— | 5.00 |
| שיקאַגאָ עדוקיישאָנאַל קאָמיטע | 125.00 | 141.00 | 75.00 |
| וואַשינגטאָן עדוקיישאָנאַל קאָמיטע | 25.00 | ——— | ——— |
| דעטראָיט עדוקיישאָנאַל קאָמיטע | 25.00 | ——— | ——— |
| נוארק עדוקיישאָנאַל קאָמיטע | 25.00 | 25.00 | ——— |
| ניו הייווען עדוקיישאָנאַל קאָמיטע | 5.00 | ——— | ——— |
| מיטינג רום פאַר סינגינג כאָר | 24.00 | ——— | ——— |
| טיקעטס | 8.50 | 12.50 | ——— |
| ליגעל סוירוויס | 3.00 | ——— | ——— |
| עקסטראַ אָפיס ארבייט | 10.29 | 39.57 | 1.50 |
| טאַנצען קלאַס | ——— | 197.65 | 205.10 |
| מיטינג רום | ——— | 5.50 | ——— |
| סינגינג כאָר | ——— | 22.47 | 53.75 |
| לעסאָנס אין אידיש | ——— | 30.00 | ——— |
| צייט פערלוסט פון קאָמיטעס | ——— | 6.00 | ——— |
| סיינס | ——— | 8.50 | 2.50 |
| צוטהיילונג פון לעקטשור סיינס | ——— | 30.50 | ——— |
| טהעאַטער דעפּאָזיט | ——— | 50.00 | ——— |
| פּיפּעלס יוניווערסיטי | ——— | 30.45 | 472.14 |
| סירקולאַרס | ——— | 39.81 | ——— |
| בראָשורען (לעקטשורס) | ——— | 152.00 | ——— |

(פאָרטזעצונג אויף צווייטע זייט.)

| | | | |
|---|---|---|---|
| לאס ענזשעלעס עדיוקיישאנאל קאמיטע — — — — | — | — | 25.00 |
| פראווידענס עדיוקיישאנאל קאמיטע — — — — — | — | — | 25.00 |
| טאראנטא עדיוקיישאנאל קאמיטע — — — — — | — | — | 25.00 |
| הארטפארד עדיוקיישאנאל קאמיטע — — — — — | — | — | 25.00 |
| אלבאני עדיוקיישאנאל קאמיטע — — — — — — | — | — | 15.00 |
| באפאלא עדיוקיישאנאל קאמיטע — — — — — | — | — | 15.00 |
| נאטוראליזיישאן אייד ליעג דאנייטאן — — — — | — | — | 100.00 |
| מואווינג פיקטשורס — — — — — — — — — | — | — | 30.91 |
| ארקעסטרא — — — — — — — — — — — | — | — | 30.00 |
| טאטאל אויסגאבען — — — — — — — — — | 2,660.17 | 4,037.21 | $4,180.38 |
| דעפיציט פאר'ן יאהר — — — — — — — — — — | 11.69 | 764.87 | 134.83 |
| דעפיציט פון פאריגען יאהר — — — — — — — | — | 11.69 | 776.56 |
| טאטאל דעפעציט — — — — — — — — — — | 11.69 | 776.56 | 911.39 |

אנדערע און אלס צוגאב שאפען עטוואס נייעס, אויב זי וועט קענען און האבען די מיטעל דערצו.

די מיטעל איז די ערשטע וויכטיגע פראגע, אויף וועלכע די עדיוקיישאנאל קאמיטע האט זיך אנגעשטויסען, ווען זי איז אריינגעטראטען אין אמט.

צו אלעם ערשט קומען די געלד־מיטעל. דער בודזשעט פון פיער טויזענד דאלאר, וואס די עדיוקיישאנאל קאמיטע קריעגט איז פיעל צו־קליין פאר דער ארבייט אין די אויפגאבען, וואס זי בעדארף ערפילען. אבער עס איז נאך ערגער, יואס, אריינגעהענדיג אין אמט, האט די עדיוקיישאנאל קאמיטע זיך דערוואוסט, אז פון איהרע פיער טויזענד דאלאר, וואס זי בעדארף קריעגען, דארף זי אבצאהלען א דעפיציט פון 17 הונדערט דאלאר, וואס האט זיך אנגעזאמעלט פון די פריהערדיגע קאמיטעס. די ארבייט פאר'ן יאהר האט, אלזא, געדארפט אויסגערעכענט ווערען אויף א בודזשעט פון ניט מעהר ווי 23 הונדערט דאלאר. די עדיוקיישאנאל קאמיטע האט גאנץ גוט געוואוסט, אז וויפיעל זי זאל ניט שפארען, וועט זי מיט דער סומע ניט אויסקומען, און אז זי וועט דעם גאנצען דעפיציט, וואס איהר איז געבליעבען בירושה, ניט קענען אבצאהלען, אבער שפארען האט זי געמוזט, שוין צוליעב דעם אליין, אז דער דעפיציט זאל ניט ווערען נאך גרעסער. און בעזונדערס האט זי געדארפט שפארען צוליעב דעם, וואס אלעס איז איצט טייערער געווארען. עס קאסטען טייערער לעקטשורס, האלס, דרוק־זאכען, פאסט־אויסגאבען און אלעם אנדערעס, וואס איז פערבונדען מיט דער ארבייט פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע.

די ארימקייט אין געלד־מיטעל איז, אלזא, געווען די ערשטע שווערע פראגע, אויף וועלכע די עדיוקיישאנאל קאמיטע האט זיך אנגעשטויסען. די צווייטע שווערע פראגע איז געווען די ארימקייט אין אינטעלעקטועלע קרעפטען.

דער גרעסטער טייל פון די לעקטשורער, מיט וועלכע די עדיוקיישאנאל קאמיטע און די בראנטשעס פון ארבייטער רינג פלעגען זיך בענוצען, זיינען אין פערלויף פון לעצטען יאהר אוועקגעפאהרען פון אמעריקא אין רוסלאנד. קיינע נייע אבער זיינען ניט צוגעקומען. אין ניו יארק און ארום ניו יארק האט מען נאך געקענט בעזארגען לעקטשורערס אבער פאר א טור איבער'ן לאנד איז געווען אונמעגליך צו קריעגען א לעקטשורער, וואס זאל זיין צופריעדענשטעלענד פאר דער עדיוקיישאנאל קאמיטע. עס איז געווען בלויז א צופאל, וואס דר. גורעוויטש איז געווען אין א לאגע אבצוגעבען אכט וואכען פון זיין צייט ארויסצופאהרען אויף א קורצען טור ביז דער מיטעל־וועסט.

דער לעקטשור טור פון דר. גורעוויטש איז געווען א ווירקליכער ערפאלג. עס איז דאס ערשטע מאל, וואס אין א לעקטשור טור זיינען געמאכט געווארען קיין ענטוישונגען פאר די בראנטשעס. אלע לעקטשורס, וועלכע זיינען פערשפראכען געווארען זיינען אבגעהאלטען געווארען און, אויף וויפיעל מיר קענען אורטיילען פון די בריעף, וואס מיר האבען ערהאלטען פון פיעלע שטעדט, זיינען די בראנטשעס פון דעם לעקטשור טור געווען צופריעדען.

מיט די לעקטשורס אין ניו יארק האט די עדיוקיישאנאל קאמיטע ליידער געהאט ניט קיין גוטע ערפאהרונג. ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס זי האט פאר די לעקטשורס ארגאנזשירט די בעסטע לעקטשורער אין ניו יארק און דערצו נאך צו יעדער לעקטשור א גוטע מוזיקאלישע אבטיילונג, זיינען די לעקטשורס געווען א פאלשטענדיגער דורפאל. זיי זיינען אזוי ווייניג בעזוכט געווארען, דאס די קאמיטע האט זיך געפיהלט געצוואונגען אבצוברעכען דעם לעקטשור קורס אין מיטען, כדי ניט ארויסצוווארפען אומזיסט געלד.

עס זיינען געווען פיעל אורזאכען מיט וועלכע דער דורכפאל קאן ערקלערט ווערען. איינע פון די אורזאכען איז געווען, וואס צוליעב דעם מאנגעל אין קויהלען און צוליעב די קאלטע מאנטאגס האט מען קיין פאסענדע האלס ניט געקענט קריעגען. ווען די לעקטשורס זיינען שוין געווען ארגאנזשירט האט מען זיי געמוזט אבלעגען און זיי איבערארגאנזשירען, ווייל מען האט געמוזט זוכען אנדערע האלס און דרוקען אנדערע פרייע־איינלאס־קארטען פאר די מיטגליעדער פון ארבייטער רינג. צוליעב דיעזער אורזאכע זיינען די איינלאס־קארטען אנגעקומען אביסעל צו שפעט צו די בראנטשעס און זיינען שלעכט פערטיילט געווארען צווישען די מיטגליעדער. די עדיוקיישאנאל קאמיטע גלויבט אבער דאך ניט, אז דאס איז געווען די הויפט אורזאכע פון דעם דורכפאל. עס שיינט, אז פרייע לעקטשורס האבען אין אלגעמיין א קלענערע צוציה'ונגס־קראפט ווי בעצאהלטע. דערצו האבען דאס יאהר די גרויסע אידישע יוניאנס ארגאנזשירט פרייע לעקטשור־קורסען פאר זייערע מיטגליעדער און אויף א גאנץ ברייטען מאסשטאב. די יוניאנס האבען דאס יאהר אויסגעגעבען גאנץ בעדייטענדע סומען געלד פאר זייערע לעקטשור־קורסען, און אזוי ווי די מייסטע מיטגליעדער פון ארבייטער רינג זיינען אויך מיטגליעדער פון די יוניאנס, זיינען די לעקטשור־קורסען פון ארבייטער רינג, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס די טהעמאס זיינען געווען גאנץ אנדערע, געווען ניט קיין נייעס. אמאל איז דער ארבייטער רינג געווען די איינציגע ארגאניזאציאן, וואס האט ארגאנזשירט פרייע לעקטשורס, היינט זיינען פאראן א גאנצע רייהע יוניאנס וואס ארגאנזשירען פרייע לעקטשורס, ספענדען אויף דעם מעהר געלד און גיבען זיך מעהר אב מיט זיי, ווי די עדיוקיישאנאל קאמיטע קען עס טהאן מיט איהרע בעשרענקטע מיטלען.

די עדיוקיישאנאל קאמיטע האט אויך פארטגעזעצט די קלאסען פאר אידיש און פאר פאליטישע עקאנאמיע, וואס די פריהערדיגע עדיוקיישאנאל קאמיטע האט געגרינדעט. דער ערפאלג איז געווען א מיטעלמעסיגער, נאר אזוי ווי די קאסטען זיינען קליינע, איז עס ווערט, אז די קלאסען זאלען פארטגעזעצט ווערען.

די עדיוק. קאמ. האט געמאכט א פראבע ארויסצוגעבען געשריבענע וויסענשאפטליכע לעקציעס פאר זעהר קליינעם פרייז. די לעקציעס זיינען אין פיזיאלאגיע, געאלאגיע און פאליטישע עקאנאמיע. דער פלאן פון די לעקציעס איז, צו געבען די מיטגליעדער פון ארבייטער דינג, בעזונדערס פון די קאונטרי שטעדט, א מעגליכקייט זיך אליין צו לערנען. יעדער וואס פערשרייבט זיך אויף די לעקציעס קען זיך ווענדען צו די לעהרער מיט פרא־

גען, ווען ער פערשטעהט עטוואָס ניט גוט גענוג אין דער לעקטשור, און ער וועט קריעגען אַן ענטפער.

די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט גערעבענט, אַז דיעזע אונטערנעהמונג וועט זיך קרוינען מיט אַ גרויסען ערפאָלג, לייַדער האָט זי זיך אָבגענאַרט אין איהרע ערוואַרטונגען. מען קען ניט זאָגען, אַז די אונטערנעהמונג איז אַ דורכפאַל, אָבער זי איז אויך ווייט פון דעם ערפאָלג, וואָס מען האָט פון איהר ערוואַרטעט.

עס איז איינע פון די שווערסטע זאַכען צוצוטרעפען דעם פערלאַנג און די קאַפּריזען פון אַ גרויסען עולם. עס דאַרף נעהמען אַ לאַנגע צייט און עס פאָדערט זיך פיעל ערפאַהרונג אויסצושטודירען די פערלאַנגען און די ווינשע פון אַזאַ גרויסע מיטגליעדערשאַפט ווי אונזער אָרדען פערמאָגט.

אַט דיעזער אומשטאַנד, וואָס יעדע עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע דאַרף כסדר זיך קליגען און טאַפּען אין דער פינסטער, צוצוטרעפען וואָס פאַר אַ פּלאַן פון עדיוקיישאָנאַל אַרבייט עס וועט זיך בעסער צופּאַסען פאַר דער גרויסער מיטגליעדערשאַפט פון אַרבייטער רינג, האָט אונז געפיהרט צו דעם געדאַנק, אַז עס דאַרף געשאַפען ווערען אַן עדיוקיישאָנאַל דעפּאַרטמענט אין אַרבייטער רינג מיט אַ בעצאָהלטען סעקרעטער, וואָס זאָל זיין גאַנצע צייט אָבגעבען פאַר דער עדיוקיישאָנאַל אַרבייט פון אַרבייטער רינג.

אויסער וואָס די עדיוקיישאָנאַל אַרבייט איז אַזעלכע, וואָס איז צו איהר גרעסטען טייל פערבונדען מיט טעכנישע אַרבייט, ווי שרייבען בריעף צו די ברענטשעס, אַראַנזשירען לעקטשורס, אַרויסגעבען ביכער, פונאַנדערשיקען די ביכער א. אז. וו. אַלץ אַזעלכע אַרבייט, וואָס פאָדערט אַ שטענדיגען מענשען אין אָפיס ער זאָל זיי דורכפיהרען אין דער צייט און ווען נויטיג, איז אַ ספּעציעלער שטענדיגער אָנגעשטעלטער פיעל מעהר נויטיג נאָר צוליעב דעם, וואָס די עדיוקיישאָנאַל אַרבייט זאָל קענען געפיהרט ווערען מיט מעהר סיסטעם און אַז די אַרבייט פון יעדער נייער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע זאָל זיין אַ פאָרטזעצונג פון די קאָמיטעס, וואָס זיינען געווען פאַר איהר.

ווי עס איז איצט, פאַנגט אָן יעדע עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע די אַרבייט פון דאָס ניי. די ערפאַהרונגען וואָס די פריהערדיגע עדיוקיישאָנאַל קאָמיטעס האָבען געוואונען דורך זייער אַרבייט געהען פערלאָרען. עס קען זיך דאַריבער ניט אויסאַרבייטען קיין סיסטעם, קיין בעשטימטער פּלאַן, וואָס זאָל זיך אַלץ ווייטער ענטוויקלען און זיך אויסבעסערען.

ווען עס וועט אָבער געשאַפען ווערען אַן עדיוקיישאָנאַל דעפּאַרטמענט מיט אַ שטענדיגען סעקרעטער, וואָס זאָל זיין גאַנצע צייט אָבגעבען פאַר דער עדיוקיישאָנאַל אַרבייט, וועט שוין ממילא די אַרבייט פון יעדער נייער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע זיין אַ פאָרטזעצונג פון די פריהערדיגע. עס וועט אויסגענוצט ווערען די ערפאַהרונג, וואָס די פריהערדיגע קאָמיטעס האָבען געהאַט, די אַרבייט וועט מעהר ניט זיין קיין צופעליגע, זי וועט מעהר ניט אָבהענגען אין גאַנצען פון דעם, אויב די קאָמיטע איז מעהר אַ טהעטיגע אָדער ווייניגער טהעטיגע. די אַרבייט וועט געטהאָן ווערען, זי וועט ניט פערנאַכלעסיגט ווערען. און די עדיוקיישאָנאַל אַרבייט איז אַזעלכע, וואָס טאָר ניט פערנאַכלעסיגט ווערען, קיין איין וואָך, קיין איין טאָג אין יאָהר.

און קומענדיג צו דיעזען געדאַנק, האָט אויך די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע בעקומען די מעגליכקייט איהר געדאַנק צו רעאַליזירען. דעם ערשטען יאַנואַר האָט גראַד דער רעדאַקטאָר פון „פריינד“, גענאָסע פיליפּ קראַנץ, צוליעב פערזענליכע אורזאַכען רעזיגנירט פון זיין אַמט. די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט דאַן בעשלאָסען אָנצושטעלען איין פּערזאָן, וואָס זאָל זיין דער רעדאַקטאָר פון „פריינד“ און דער סעקרעטער פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע. מיט דעם געלד וואָס די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט ביז איצט אויסגעגעבען פאַר אַ רעדאַקטאָר פון „פריינד“ און פאַר אַ טיילווייזען סעקרעטער, קען די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע צאָהלען אַ מעהר אָדער ווייניגער אַנשטענדיגען געהאַלט צו אַן אינטעליגענטען מענשען, וואָס זאָל זיין פעהיג צו רעדאַגירען דעם „פריינד“ און דורכצופיהרען די אַרבייט פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע.

דער „פריינד“ האָט די גאַנצע צייט געליטען דערפון, וואָס ער האָט אימער געהאַט אַ רעדאַקטאָר, וואָס האָט נאָר אַ טייל פון זיין צייט געקענט אָבגעבען פאַר'ן אַרבייטער רינג. מייסטענס איז עס אימער געווען, אַז דאָס רעדאַגירען פון „פריינד“ איז ביי זיינע רעדאַקטערע געווען ניט מעהר ווי אַ נעבען־בעשעפטיגונג. דאָס איז אויך געווען נאַטירליך. דער „פריינד“ האָט ניט געקענט געבען דעם רעדאַ טאָר זיינעם אַ גענייגענדע געהאַלט צו מאַכען אַ לעבען. דאָס האָט אָבער געבראַכט דערצו, דאָס דער רעדאַקטאָר האָט זיך ווייניג צונויפגעלעבט מיט'ן אַרבייטער רינג און איז ניט געווען דורכגעדרונגען מיט'ן לעבען פון דער אָרגאַניזאַציאָן. און דאָס איז גראַד אַ הויפּט בעדינגונג פאַר דעם ערפאָלג פון „פריינד“. כדי אין איהם זאָל זיך אָבשלאָגען דער פּולס פון אונזער אָרדען, מוז דער רעדאַקטאָר זיין ענג פערבונדען מיט דער אָרגאַניזאַציאָן און זיין מיט איהר צוזאַמענגעוואַקסען.

דורך אַ פּערזאָן, וואָס זאָל פעראייניגען אין זיך דעם רעדאַקטאָר פון „פריינד“ און דעם סעקרעטער פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע, אַ פּערזאָן, וואָס זאָל זיין גאַנצע צייט אָבגעבען פאַר'ן אַרבייטער רינג, וועט אויך פיעל געוואונען דער „פריינד“ און וועט ערפילען זיין אויפגאַבע, פאַר וועלכע ער איז בעשאַפען געוואָרען.

עס האָט זיך אָבער די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע ניט אַזוי לייכט איינגעגעבען צו געפינען די פּאַסענדע פּערזאָן, וואָס זאָל קענען פערנעהמען דעם אַמט פון סעקרעטער און רעדאַקטאָר. עס איז דאַריבער אויסגעפאַלען אויף דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע אַליין צו רעדאַגירען דעם „פריינד“ פון מאָנאַט יאַנואַר אָן. עס איז אַפילו דערביי געשפּאָרט געוואָרען אַ פּאָר הונדערט דאָלאַר, אָבער די קאָמיטע האָט עס ניט געטהאָן צוליעב עקאָנאָמיע, נאָר ווייל זי האָט געוואָלט לאָזען לעדיג דעם פּלאַץ פון אַ רעדאַקטאָר, בדי זי זאָל קענען אויספיהרען איהר פּלאַן צו פערבינדען דעם אַמט פון אַ רעדאַקטאָר מיט דעם אַמט פון אַ סעקרעטער פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע, ווען זי וועט געפינען דעם פּאַסענדען מאַן, אויף וועלכען אַלע זאָלען זיך קענען אייניגען. און עס שיינט אַז דער פּאַסענדער מאַן איז געפונען געוואָרען, און אויב עס וועלען ניט פאָרקומען קיין אונערוואַרטעטע מניעות וועט ער נאָך פאַר דער קאָנווענשאָן אַריין אין אַמט.

די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט דאָס יאָהר אויך פּראָבירט מאַכען אַן ענדערונג אין דער אַרויסגאַבע פון די ביכער. זי האָט ניט איבערגעגעבען די אַרויסגאַבע פון די ביכער אויף אַ קאָנטראַקט צו אַ דרוקער, נאָר זי האָט אַרויסגעגעבען אויף איהר אייגענעם רעכענונג. זי האָט אַליין געקויפט פּאַפּיער, האָט אַליין געלאָזען זעצען די ביכער און האָט זי אַליין געלאָזען בינדען. עס פערשטעהט זיך, אַז דאָס איז געווען פערבונדען מיט פיעל אַרבייט, אָבער דערביי איז געשפּאָרט געוואָרען איבער טויזענד דאָלאַר און דאָס האָט די קאָמיטע געגעבען די מעגליכקייט, אַז זי זאָל קענען פערקויפען זיעבען אָריגינעלע ביכער עלעגאַנט געבונדען צווישען זיי 1 בוך פון כמעט 300 זייטען פאַר דעם שפּאָט ביליגען פּרייז פון 1 דאָלאַר מיט 50 סענט. ווען די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע וואָלט איבערגעגעבען די אַרויסגאַבע פון די ביכער אויף אַ קאָנטראַקט צו אַ דרוקער, וואָלט דער ביליגסטער פּרייז, פאַר וועלכען זי וואָלט די ביכער געקענט פערקויפען, געווען מינדעסטענס 2 דאָלאַר.

די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט זיך געשטעלט אַלס ציעל צו מאַכען דעם אַרבייטער רינג ביבליאָטהעק, דאָס הייסט די אַרויסגאַבע פון ביכער, פאַר איינע פון איהרע הויפּט־אויפגאַבען. קיין פערלעגער איז ניט אימשטאַנד אַרויסצוגעבען אַזוי ביליג ביכער ווי די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע פון אַרבייטער רינג. ווען דיעזע זיעבען ביכער, וואָס די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט דאָס יאָהר אַרויסגעגעבען, וואָלטען אַרויסגעגעבען געוואָרען פון אַ פּריוואַטען פערלעגער וואָלטען זיי פערקויפט געוואָרען פאַר ניט ווייניגער ווי 4 דאָלאַר, נעהמענדיג אין אַנבעטראַכט די שטאַרק געשטיגענע פּרייזען אויף פּאַפּיער, אויף זאַץ, אויף דרוק און איינבאַנד. נאָר ווייל די עדיוקיישאָן קאָמיטע קען פאַר אַלעס צאָהלען מיט מזומן געלד, ווייל זי דאַרף ניט צאָהלען קיין

„פריינד" איינגאהמען און אויסגאבען פאר דעם יאהר 1917 אין פערגלייך מיט די יאָה־רען 1915 און 1916.

| | 1915 | 1916 | 1917 |
|---|---|---|---|
| באלאנס פון לעצטען יאהר | $1,042.29 | ——— | |
| **איינגאהמען:** | | | |
| דיוס פון מעמבערס | 13,519.44 | 14,454.58 | 16,558.16 |
| סך הכל | $14,561.73 | $14,454.88 | 16,558.16 |
| פערלוסט פון געשטראָכענע מעמבערס | 367.46 | 260.71 | 375.72 |
| טאָטאל נעט איינגאהמע | $14,194.27 | $14,194.17 | 16,182.44 |
| דעפיציט | ——— | 887.67 | 824.46 |
| גרענד טאָטאל | ——— | $13,306.50 | $15,357.98 |
| **אויסגאבען:** | | | |
| אַדרעסען פלייטס | 134.44 | 42.93 | 235.49 |
| סטיישאָנערי | 64.92 | 254.70 | 106.28 |
| דרוקען דעם „פריינד" | 9,522.35 | 8,931.55 | 4,499.37 |
| עקספרעסעדזש און דעליווערי | 537.40 | 462.25 | 594.87 |
| מיילינג און פאַקען | 410.69 | 344.31 | 486.26 |
| פאָסט אָפיס מייל | 1,530.40 | 1,305.43 | 1,229.20 |
| אַ וואָג | 15.00 | ——— | ——— |
| קאָמיטעס | 79.45 | 87.37 | 118.48 |
| סאַלאַרים | 848.56 | 837.50 | 1,344.00 |
| רעדאַקטאָר'ס סאַלאַרי | 1,080.00 | 1,080.00 | 1,080.00 |
| עקסטראַ ארבייט | 32.26 | 20.19 | 47.59 |
| שרייבער פאַר אַרטיקלען | 351.00 | 170.00 | 339.00 |
| פערשיעדענעס | 20.72 | 6.88 | 32.46 |
| אָפיס רענט | 150.00 | 150.00 | 150.00 |
| עלעקטריק | 100.00 | 50.00 | 50.00 |
| קאָטס | 84.75 | 89.00 | 150.61 |
| מאַשינערי | 120.00 | 120.00 | 120.00 |
| בעגס | ——— | 168.85 | ——— |
| אַדווערטייזינג | ——— | 10.00 | ——— |
| פיקסען מאַשינערי | ——— | ——— | 90.84 |
| פייפער פיר דעם „פריינד" | ——— | ——— | 3,211.68 |
| שפיגאָט פיר פאַקען דעם „פריינד" | ——— | ——— | 35.31 |
| טאָטאל אויסגאבען | $15,081.94 | $14,130.96 | $13,921.44 |
| דעפיציט | 887.67 | 824.46 | ——— |
| באַלאַנס | ——— | ——— | 1,436.54 |
| גרענד טאָטאל | $14,194.27 | $13.306.50 | $15,357.98 |

אגענטען, קיין סיילס-לייט, קיין רענט און מאכט ניט קיין פראפיט קען זי פערקויפען ביכער פאר וועניגער ווי פאר א האלבען פרייז, וואס א פריוואטער פערלעגער דארף נעהמען.

די עדיוקיישאנאל קאמיטע האט זיך אויך געשטעלט פאר א ציעל אין דער ארויסגאבע פון ביכער, אז צו אלער ערשט זאל זי זארגען פאר נאטור־וויסענשאפטליכע ביכער, וועלכע פעהלען כמעט אין גאנצען אין דער אידישער ליטעראטור. פון די 7 ביכער זיינען 5 איבער נאטור־וויסענשאפט, איין בוך פון נאהענט דריי הונדערט זייטען איבער אסטראנאמיע, 2 ביכער (ערשטער טייל און צווייטער טייל) איבער פיזיאלאגיע, 2 ביכער (ערשטער טייל און צווייטער טייל) איבער געאלאגיע און 2 ביכער (ערשטער טייל און צווייטער טייל) איבער פאליטישע עקאנאמיע. די ביכער זיינען אלע געשריעבען פאפולער און וועלען זיין גוט פערשטענדליך אפילו פאר דעם דורכשניטליכען לעזער. די עדיוקיישאנאל קאמיטע איז איבערצייגט, אז מיט דער ארויסגאבע פון אזעלכע ביכער ערפילט זי א העכסט וויכטיגע אויפגאבע אין דער עדיוקיישאנאל ארבייט פון ארבייטער רינג, געבענדיג די מיטגליעדער פון ארבייטער רינג א מעגליכקייט פאר א גאנץ קליינעם פרייז זיך איינצושאפען וויכטיגע וויסענשאפטליכע ביכער, וועלכע זיינען געשריעבען פאר'ן פאלק און פון וועלכע מען קען זעהר פיעל לערנען.

די עדיוקיישאנאל קאמיטע האט אויך געמאכט א פראבע צו פערבינדען די ארבייט פון עדיוקיישאן מיט דער ארגאניזאציאנס־ארבייט.

די ארבייט פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע און פון דער ארגאניזאציאנס קאמיטע זיינען ענג פערבונדען. אפט קען מען זיי גאר ניט אבטיילען איינע פון דער אנדערע. די עדיוקיישאנאל קאמיטע האט דעריבער פארגעשלאגען דער ארגאניזאציאנס קאמיטע, אז איין מאל אין א מאנאט זאלען אבגע־

האלטען ווערען געמיינשאפטליכע מיטינגען פון די צוויי קאמיטעס, און די ארגאניזאציאנס קאמיטע האט דעם פארשלאג אנגענומען. עס זיינען איינינע אזעלכע געמיינשאפטליכע מיטינגען אבגעהאלטען געווארען און פראגען, וועלכע בעריהרען דיביידע קאמיטעס זיינען פערהאנדעלט געווארען. די עדיוקיישאנאל קאמיטע האפט, אז דער אנפאנג פון געמיינשאפטליבער ארבייט פון דער עדיוקיישאנאל און ארגאניזאציאנס קאמיטעס וועט זיך ווייטער מעהר ענטוויקלען און וועט ברענגען גוטע פרובט פאר'ן ארבייטער רינג.

די עדיוקיישאנאל קאמיטע האט אויך געזארט דאפיר, אז די אלע קולטורעלע אינסטיטוציעס, וועלכע זיינען געשאפען געווארען אין דעם ארבייטער רינג זאלען שטעהן אונטער איהר דירעקטען אויפזיבט. זי האט פאר דעם צוועק איינגעלאדען פארשטעהער פון דעם ארבייטער רינג באר און פון דעם ארבייטער רינג פרייער אידישער ביהנע, אז זיי זאלען זיין פערטרעטען אין דער עדיוקיישאנאל קאמיטע, כדי עס זאל געשאפען ווערען אן ענגערע צוזאמענבונד צווישען די דערמאנטע קערפערשאפטען מיט דער עדיוקיישאנאל קאמיטע און כדי די עדיוקיישאנאל קאמיטע זאל קענען האבען א בעסערע קאנטראל אויף דער טהעטיגקייט פון כאר און פון דער פרייער אידישער ביהנע. דיעזער אויפטהו האט געבראכט זעהר גוטע פרוכט. דער ארבייטער רינג באר און די פרייע אידישע ביהנע זיינען נאך קיינמאל ניט אזוי שטארק אויסגענוצט געווארען פאר די צוועקען פון ארבייטער רינג, ווי אין דיעזען יאהר.

די עדיוקיישאנאל קאמיטע האט מיט דער הילף פון באר און פרייער אידישער ביהנע געגרינדעט א מוזיקאלישע ליטערארישע ביורא, וועלכע האט צוגעשטעלט פאר די ברענטשעס פון דעם ארבייטער רינג און פאר אנדערע ארבייטער ארגאניזאציאנען אין ניו יארק און ארום ניו יארק, מוזיקאלישע און ליטעראריש־דראמאטישע קרעפטען פאר זייערע אונטערנעהמונגען פאר א גאנץ קליינעם פרייז און אפט גאנץ אומזיסט. דער כאר אלס גאנצער איז אויסגענוצט געווארען פאר איינינע גרויסע אונטערנעהמונגען, בעזונדערס זיינען אבער אויסגענוצט געווארען גרופען פון באר, וועלבע זיינען אויפגעטראטען אויף א גאנצע רייהע אונטערנעהמונגען פון ברענטשעס פון ארבייטער רינג און האבען איבעראל געהאט אן ערפאלג.

וועגען די טהעטיגקייט פון דער פרייער אידישער ביהנע פון ארבייטער רינג וועט זיין דא גענוג איבערצוגעבען דעם בעריכט, וואס זי האט צוגעשטעלט אויף איינעם פון די לעצטע מיטינגען פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע, וועגען איהר לעצטען יאהר ארבייט. דאס איז דער בעריכט:

### צו דער נאצ. עדיוק. קאמיטע א. ר.

ווערטהע פריינדע:

ערלויבט אונז, ווען איהר ענדיגט דעם טערמין פון דער קולטורעלער ארבייט, וועלבע איהר האט אנגעפיהרט אין ארבייטער רינג, אייך צו בעשרייבען וועגען אונזער טייל ארבייט, וועלכע מיר האבען אנגעפיהרט, אויף דעם קולטורעלען געביעט פון ליטעראטור און דראמא.

אין פערלויף פון די צעהן מאנאטען, וואס מיר שטעהן אונטער אייער אויפזיכט, האבען מיר פערגרעסערט אונזער מיטגליעדערשאפט פון 35 ביז 74 מיטגליעדער, צווישען וועלבע עס געפינען זיך 24 דעקלאמאטארס און פארלעזער, 20 שוישפיעלער, פרויען און מענער. מיר האבען פאר דער צייט אנגעפיהרט א סיסטעמאטישע אויסבילדונג פאר אונזערע מיטגליעדער און אויך די מיטגליעדער פון אנדערע ארבייטער רינג ברענטשעס אויף דעם ליטערארישען און דראמאטישען געביט.

מיר האבען געגעבען 12 טהעאטער פארשטעלונגען.

אכט קאנצערטען צוזאמען מיט הומאריסטישע איין אקטערס.

פינף פון דיעזע פארשטעלונגען זיינען געגעבען געווארען, א דאנק דער טיכטיגער ארבייט פון אייער סעקרעטער, פריינד געליעבטער, אין קינסטלערישען טהעאטער „די נייבארהוד פלעיהויז", די איבעריגע אין אנדערע פלעצער.

מיר האבען אויפגעפיהרט 7 גרויסע דראמען פון 4 און 5 אקטען. „איינזאמע מענשען" פון גערהארד הויפטמאן 2 מאל, „קאמעראדען" פון אויגוסט סטרינדבערג 3 מאל, „די משפחה" פון נאמבערג 1 מאל, „מאן און ווייב" פון זעלדין 2 מאל, „פיינדליבע וועלטען" פון ראנעטי ראמא 2 מאל, „יואל" פון פרץ הירשביין 1 מאל, „פייערן פון יאהאנעס נאכט" 1 מאל און איין אקטער „דעם שדכן'ס טאכטער" פון אברהם רייזין, „זיין ערשטער קליענט" פון פאדרוזשניק און „מיין ווייב'ס משוגעת" פון ארענשטיין 8 מאל.

אונזערע דעקלאמאטארס און פארלעזער האבען אנטייל גענומען אין 38 קאנצערטען און ליטערארישע אבענדען פון ארבייטער רינג ברענטשעס און סאציאליסטישע ארגאניזאציאנען אין ניו יארק און אין אנדערע שטעדט. פאר איינינע רעבענדיג זיי בלויז די אויסגאבען און די אנדערע אין גאנצען פריי.

מיר האבען אויך געגעבען א סעריע פון 8 ליטערארישע אבענדען אין אונזערע קלוב רומס, וואו עס זיינען פארגעטראגען געווארען די בעסטע שאפונגען פון דער אידישער און וועלט ליטעראטור.

מיר האבען פאר דער צייט געהאט ארום 600 דאלאר אויסגאבען, וועלבע זיינען געדעקט געווארען פון די איינאהמען פון די פארשטעלונגען און די וועכענטליבע בייטרעגע פון אונזערע מיטגליעדער.

מיר ווילען ענדיגען אונזער בעריכט מיט א דאנק צו אייך, ווערטהע פריינד פון דער נאציאנאלער עדיוקיישאנאל קאמיטע, פאר דעם אינטערעס וואס איהר האט גענומען אין אונזער ארבייט, און פאר דער מאראלישער און פינאנציעלער הילף, וואס איהר האט אונז געגעבען, ווייל בלויז א דאנק דיעזער הילף זיינען מיר אימשטאנד געווען אויפצוטהאן אזוי פיעל אויף דעם געביט פון פערשפרייטונג פון דער שעהנער ליטעראטור און דראמא צווישען די אידישע מאסען.

פרייע פאלקס ביהנע, בר. 555 א. ר.
יוסף פישמאן, עקזעקוטיוו טשערמאן.
א. ב. ראפאפארט, סעקרעטער.

לויט דעם בעריכט, וואס דער כאר האט צוגעשטעלט צו דער עדיוקיישאנאל קאמיטע פון זיין לעצטען יאהר טהעטיגקייט, האט דער כאר איצט איבער 100 מיטגליעדער און זיין רעפערטואר בעשטעהט איצט פון 39 ליעדער.

אין פערלויף פון יאהר איז דער באר אלס גאנצער ארויסגעטראטען 9 מאל, וועהרענד גרופען פון באר זיינען ארויסגעטראטען 22 מאל. דער באר אלס גאנצער איז ארויסגעטראטען בלויז אין ניו יארק, די גרופען זיינען אבער אויך ארויסגעטראטען אויף ארבייטער רינג אונטערנעהמונגען אויך אין שטעדט ארום ניו יארק.

דער באר איז בענוצט געווארען ניט בלויז פון ארב. רינג, נאר אויך, מיט דער ערלויבניש פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע, פון פערשיעדענע אנדערע ארבייטער ארגאניזאציאנען. סאי דער גאנצער כאר, סאי די גרופען האבען מיט אלע זייערע ארויסטרעטונגען געהאט דעם גרעסטען ערפאלג.

די עדיוקיישאנאל קאמיטע האט אויך אויף דעם פארשלאג פון פריינד אלטערמאן בעשלאסען צו ארגאניזירען אן ארבייטער רינג סימפאני ארקעסטער, מיט דעם בעדינג אבער, אז דער סימפאני ארקעסטער זאל זיין א ברענטש פון ארבייטער רינג אזוי ווי דאס איז די פרייע אידישע ביהנע. א דאנק דער ענערגישער ארבייט פון פריינד אלטערמאן איז אזא ארקעסטער ארגאניזירט געווארען און וועט העכסט ווארשיינליך ביז דער קאנווענשאן שוין זיין אינסטאלירט אלס ברענטש פון ארבייטער רינג.

דער ארקעסטער האט זיין ערשטען ארויסטריט שוין געמאכט אלס אן ארקעסטער פון דעם ארבייטער רינג אויף א גרויסער אונטערנעהמונג פון דעם אידישען סאציאליסטישען ברענטש אין בראנקס, וואו עס זיינען געווען מעהר ווי טויזענד פערזאמעלטע און ער האט געהאט א גרויסען ערפאלג. זיין צווייטען ארויסטריט האט ער געמאבט אויף דעם באזאר פון בראנזווילער לייבאר ליסעאום און ווידער מיט א גרויסען ערפאלג. די עדיוקיישאנאל קאמיטע האט איצט אונטער איהר דירעקטער אויפזיבט א פולען קאמפלעט פון ליטעראריש דראמאטישע און מוזיקאלישע קערפערשאפטען, וואס בעשטעהט

פון דעם כאָר, פון דער פרייער אידישער ביהנע און פון סימפאָני אָרקעסטער און זי האָפּט, אַז מיט דער צייט וועלען זיך דיזע קערפּערשאַפטען אַזוי ענטוויקלען, דאָס זיי וועלען זיין אַ ווירקליכער שטאָלץ פון אַרבייטער רינג.

די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט וועניג געקענט אויפטהאָן אין בעצוג צו די אידישע אַרבייטער רינג שולען, וועגען וועלכע די לעצטע צוויי קאָנווענשאָנס פון אַרבייטער רינג האָבען אָנגענומען רעזאָלוציעס. די לעצטע קאָנווענשאָן פון אַרבייטער רינג אין ניו יאָרק האָט בעאויפטראַגט די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע, אַז זי זאָל צוטרעטען צו דער אָרגאַניזירונג פון אידישע אַרבייטער רינג שולען, זי האָט אָבער פערגעסען צו בעשטימען וועלכען עס איז פאָנד פאַר דער דאָזיגער אַרבייט. די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט געפונען דעם איינציגען וועג אָנצופאַנגען די אַרבייט דורך רופען אַ קאָנפערענץ פון די ניו יאָרקער בראַנטשעס. די קאָנפערענץ האָט די שול־פראַגע גרינדליך דיסקוטירט און עס איז דאָרט איינשטימיג בעשלאָסען געוואָרען, אַז אַ רעפערענדום זאָל אַרויסגעשיקט ווערען צו אַלע בראַנטשעס פון ניו יאָרק וועגען אַ טעקס פאַר אידישע אַרבייטער רינג שולען אין ניו יאָרק. דער רעפערענדום איז אַרויסגעשיקט געוואָרען מיט דער גוט־הייסונג פון דער גאַנצער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע, אָבער מיר ווייסען נאָך ניט די רעזולטאַטען פון איהם. פאָרלויפיג זיינען נאָך אַריינגעקומען וועניג באַלאָטס, אַז מען זאָל קענען אורטיילען וועגען דעם רעזולטאַט.

די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע געפינט אָבער פאַר נויטיג אויפמערקזאַם צו מאַכען די דעלעגאַטען צו דער קאָנווענשאָן, אַז אויב זיי נעהמען די שול־פראַגע ערנסט, דאַן וועלען זיי מוזען בעשטימען אַ געוויסען פאָנד פאַר דעם צוועק, אַז ניט וועט די אַרבייט בלייבען אויף ווייטער הענגען אין דער לופט ווי ביז איצט. די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע רעקאָמענדירט, אַז 1 סענט פער קוואַרטאַל זאָל געצאָהלט ווערען פון די מיטגליעדער פון אַרבייטער רינג פאַר אַ שול־פאָנד. דאָס וועט געבען די מעגליכקייט דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע פון דעם נעקסטען טערמין צוצוטרעטען צו דער אַרבייט פון גרינדען אידישע אַרבייטער רינג שולען און מיר האָפען, אַז זי וועט האָבען ערפאָלג.

די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע געפינט אויך דערביי פאַר נויטיג צוציהען די אויפמערקזאַמקייט פון די דעלעגאַטען, אַז גאַנץ גלייך וואָס עס זאָל ניט זיין זייער שטעלונג צו דער פראַגע פון אידישע שולען, דאַרפען זיי אָבער וויסען, אַז וואָס ווייטער ווערען אַזעלכע אַרבייטער רינג שולען אַ דרינגענדע נויטווענדיגקייט שוין צוליעב דעם אַליין, וואָס אַנדערע אָרגאַניזאַציאָנען האָבען זיך גענומען צו זייער גרינדונג און די שולען זייערע ווערען געפיהרט אין אַזאַ גייסט, מיט וועלכען מיר קענען ניט זיין אינגאַנצען איינשטימיג. און אַזוי ווי דיזע שולען פערשפּרייטען זיך אַלץ מעהר און מעהר און ווערען בעזוכט פון אַרבייטער קינדער און קריעגען אַ גרויסען איינפלוס, איז עס אין די אינטערעסען פון אַרבייטער רינג אַלס אָרגאַניזאַציאָן צו גרינדען אייגענע שולען, ווען עס איז פאַראַן נאָך זיי אַזאַ נאָכפראַגע.

מיר ווילען ענדיגען אונזער בעריכט מיט אַן אויסדרוק פון אַנערקענונג צו דעם טשערמאַן פון אַרבייטער רינג און צו אַלע מיטגליעדער פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע, וועלכע האָבען אונז געהאָלפען אין אונזער אַרבייט, וועלכע האָבען געשטיצט און גוט געהייסען אונזערע בעשליסע און האָבען אונז מעגליך געמאַכט צו עררייכען מאַנכע ערפאָלגען אין אונזער אַרבייט. און ביי די דעלעגאַטען צו דער קאָנווענשאָן און די מיטגליעדער פון אַרבייטער רינג בעטען מיר ענטשולדיגונג, וואָס מיר האָבען ניט אויפגעטהאָן מעהר פאַר דער עדיוקיישאָנאַל אַרבייט פון אונזער בעליעבטען אָרדען. אונזער ווילען, אונזער בעגעהער און אונזער שטרעבען איז געווען אויפצוטהאָן פיעל מעהר, ווי מיר האָבען געטהאָן, נאָר ניט אַלעס, וואָס מען וויל קען מען דורכפיהרען און דערצו נאָך ווען די מיטעל זיינען אַזעלכע בעשרענקטע.

וואָס איז שייך צו דעם פינאַנציעלען צושטאַנד פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע ווי אויך פון „פריינד", גלויבען מיר, אַז ער דאַרף זיין צופריעדענשטעלענד. קיין נייער דעפיציט אין דעם פאָנד פון דער עדיוק. קאָמיטע פאָנד איז ניט געמאַכט געוואָרען און דער „פריינד" האָט נאָך צו פערצייכענען אַ גאַנץ בעדייטענדען סורפּלוס, ווי מען קען עס זעהן פון דעם פינאַנציעלען בעריכט פון אונזער דזשענעראַל סעקרעטער.

מיר בעגריסען די דעלעגאַטען צו דער קאָנווענשאָן פון אַרבייטער רינג אין פיטסבורג און מיר ווינשען זיי, אַז זייער אַרבייט אין זייערע בעמיהונגען פאַר אונזער אַלעמענס בעליעבטער אָרגאַניזאַציאָן זאָל זיך קרוינען מיט דעם גרעסטען ערפאָלג.

מיט פריינדשאַפט און אַכטונג,

די נאַציאָנאַלע עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע
פון אַרבייטער רינג.

# בעריכט פון דער אָפיס קאָמיטע

מ. איוועניצקי, טשערמאַן.
מ. דייווידאָף, נ. פריימאַן, דזש. ראַטמאַן, ס. סיגעל.

פריינדע דעלעגאַטען:

אונזער היינטיג יעהריגער בעריכט צום קאָנווענשאָן וועט ניט ענטהאַלטען קיין גרויסע אויפטוהונגען. די אַרבייט אין אָפיס בעוועגט זיך אין איהר נאָרמאַלען רעגעלמעסיגען גאַנג. עס קומען נאַטירליך פאָר גענוג אויסבעסערונגען אבער אַלעס ווערט געטהאָן אין איין אונבעמערקבארען וועג. מיר גלויבען דאָס אין לעבען פון אָרגאַניזאַציאָנען, זאָגאַר אין לעבען פון גאַנצע פעלקער, זיינען די בעסטע און פרוכטבאַרסטע צייטען ווען די ענטוויקלונג קומט פאָר רעגעלמעסיג און איז ניט אונטערוואָרפען קיין טרייסלונגען פון שטורעמווינטען. מיר האָבען געטהאָן אונזער בעסטעס צו רעכטפערטיגען דאָס אָנפערטרויען פון אונזערע מעמבערס, און אין אַלע אונזערע האַנדלונגען האָבען מיר געהאַט אין זינען בלויז די אינטערעסען פון אונזער אָרגאַניזאַציאָן. דאָס איז די איינציגע זאַך מיט וועלכער מיר קענען זיך בעריהמען.

## סאָב קאָמיטעס.

אַזוי ווי לעצטעס יאָהר האָבען מיר זיך אויך היינטיגס יאָהר איינגעטיילט אין סאָב קאָמיטעס צו מאַכען אונזער אויפגאַבע ערפאָלגרייכער. איין קעש אָדיט קאָמיטע פלעגט אַלע וואָך אונטערזוכען דעם קעשיר'ס אַקאַונט, צו זעהן דאָס די אַריינגעקומענע געלדער אין דער טרעזשורי פון אַרב. רינג זאָלען דעפּאָזיטעט ווערען אין צייט. אַזאַ קאָמיטע איז פון גרויס וויכטיגקייט, ווייל אונזערע רעגעלע אָדיטס ווערען געמאַכט פערטעל יעהרליך און עס איז אַבסאָלוט נויטווענדיג צו האָבען אויך אַ קאָנטראָל איבער די געלדער פון אַרב. רינג אין צווישען

די צייטען פון איין רעגעלען אָדיט ביז דעם צווייטען. א דאַנק דער פעהיגקייט פון אונזער קאַשיער איז אַלעס צוגעגאַנגען אין בעסטען אָרדנונג און די קאָמיטע פלעגט אַלע מאָל אָבגעבען גינסטיגע רעפּאָרטס. מיר האָבען אויך געהאַט א ליגעל קאָמיטע אויפצופּאַסען איבער לעגאַלע פראַגען וועלכע קומען פאָר אין לעבען פון ארבייטער וועלכע זיינען פערבונדען דירעקט מיט'ן אָפיס. אויך האָבען מיר געהאַט א סאָב קאָמיטע, וועמעס אויפגאַבע עס איז געווען צו קומען אין בעריהרונג מיט'ן אָדיטינג דעפּאַרטמענט פון ברענטש ביכער. דער אָדיטינג דעפּאַרטמענט איז דעם יאהר געשטאַנען אונטער דער אויפזיכט פון דער אָפיס קאָמיטע און ווייל דער דעפּאַרטמענט איז ניט אָרגאַניש פערבונדען מיט'ן גאַנצען אָפיס סטעף, האָבען א טייל פון אונזערע מעמבערס געמוזט נעהמען די אויפזיכט איבער'ן דעפּאַרטמענט. אין אונזער ווייטערדיגען בעריכט וועלען מיר זיך ספּעציעל אָבשטעלען וועגען די אויפגאַבען פון דיזען דעפּאַרטמענט און וועלכע רעקאָמענדאַציאָנען מיר האָבען איהם אויסצובעסערען.

## אונזערע רעגעלע מיטינגען.

אויף אונזערע רעגעלע מיטינגען פלעגען מיר פערהאַנדלען אַלע וויכטיגסטע פראַגען וועלכע זיינען פערבונדען מיט'ן אָפיס און אויך פעסען דעם אָרדער אף עקספּענס פאַר אַלע דעפּאַרטמענטס. צו יעדען מיטינג גיט אונז דער סעקרעטער, פר. באַסקין, אָב א בעריכט פון צושטאַנד פון אָפיס און גיט אונז איבער אַלע וויכטיגע פונקטען פון דער קאָרעספּאָנדענץ פון די ברייטע מעמבערשיפּ איבער וועלכע מיר דאַרפען פאַסען בעשליסע. עס פלעגט אונז אויסקומען צו פערהאַנדלען איבער אויסבעסערונגען אין אָפיס, אינוועסטמענט פון ארב. רינג געלדער, איבער מעמבערשיפּ פראַגען און איבער א סך אַנדערע וויכטיגע פּראָבלעמען. אונזערע ענטשיידונגען און בעשליסע פלעגען נאָכהער פערהאַנדעלט ווערען אויף די אַלגעמיינע מיטינגען פון דער גאַנצער עקזעקוטיוו קאָמיטע, און א הויז וועניג קליינע אויסנאַהמען, פלעגען זיי פון דער אַלגעמיינער עקזעקוטיוו קאָמיטע גוט געהייסען ווערען.

## מעמבערשיפּ ענטשיידונג.

די קאָנסטיטושאָן גיט אונז דאָס רעכט צו פּעסען איבער די רעכטע און פליכטע פון מעמבערס און דערביי אויך אויסנוצען אונזער רעכט צו רידזשעקטען מעמבערס וועלכע בעלאַנגען נאָך ניט צום ארב. רינג קיין גאַנצע 6 מאָנאַטען. עס וואָלט גענומען צופיעל פּלאַץ אויסצורעכענען די איינצעלנע כּללע. איבעריגענס, מיר פלעגען בעריכטען וועגען יעדען בעזונדערען פאַל פאַר יעדען מאָנאַט צו דער אַלגעמיינער עקזעקוטיווע. אין פעלע פון קראַנקהייט, וואו עס איז נאָר געווען א ספק, דאָס דער בעטרעפענדער איז קראַנק געוואָרען שוין זייענדיג א מעמבער פון ארב. רינג, פלעגען מיר האַנדלען צו גונסטען פון מעמבערס. מיר פלעגען זיך אָבער בענוצען שטרענג מיט דיעזען רעכט אין אַנצווייפעלהאַפטע פעלע.

וועגען א פּאָר פעלע, וועלכע עס האָבען א פּרינציפּיעלען כאַראַקטער ווילען מיר דאָ בעריכטען, ווייל די קאָנווענשאָן וועט האָבען צו נעהמען וועגען זיי א שטעלונג.

א מעמבער פון בר. 600, וועלכער איז קראַנק געוואָרען אויף קאָנסאָמפּשאָן 10 טעג בעפאָר עס זיינען פאַריבער 6 מאָנאַטען זייט ער איז אריינגעטראָטען אין ארב. רינג, האָט זיך צו אונז געווענדעט דאָס מיר זאָלען איהם בערעכטיגען צו סאַנאַטאָריום טריטמענט. מיר האָבען זיך ניט בענוצט מיט דעם רעכט איהם אין גאַנצען צו רעדזשעקטען, ווייל מיר האָבען איהם געוואָלט געבען דעם בענעפיט אף די דאַוט, — פיליי‌כט איז ער קראַנק געוואָרען שוין זייענדיג א מעמבער פון ארב. רינג, און דעריבער מוזען מיר טראַגען אונזער פעראַנטוואָרטליכקייט. אָבער שטיצענדיג זיך אויף אונזער קאָנסטיטושאָן, אַרטיקעל 5, פּונקט 3, האָבען מיר אויסגעטייטשט דעם זין פון דער קאָנסטיטושאָן, דאָס א מעמבער פאַר 6 מאָנאַטען איז ניט בערעכטיגט צו קאָנסאָמפּשאָן בענעפיט, אין אבסאָלוטען זין. מיר פערשטעהען דעם מאָטיוו פון דעם פּונקט, דאָס ווי באַלד שווינדזוכט איז א קראַנקהייט וועלכע ענטוויקעלט זיך פּאַמעלעך, קענען מיר אָננעהמען, דאָס א מעמבער, וועלכער ווערט קראַנק בעפאָר 6 מאָנאַטען, איז שוין פריהער געווען בעריהרט פון דער קראַנקהייט. די עקזעקוטיווע האָט אָנגענומען אונזער בעשלוס, רעכענענדיג דאָס ווען 6 מאָנאַטען געהען פאַריבער און דער מעמבער צאָהלט דאָך גלייך מיט אַלעמען פאַר'ן סאַנאַטאָריום, איז ער דערפאַר בערעכטיגט צו אַלע בענעפיטס. די נייע שאָנאַל באָארד אָוו דירעקטאָרס האָט אָבער אויסגעטייטשט דעם זין פון דער קאָנסטיטושאָן לויט אונזער אָריגינעלער אויפפאַסונג. דער פּונקט וועט געוויס פערהאַנדעלט ווערען אויף דער קאָנווענשאָן און עס איז דעריבער וויכטיג דאָס די דעלעגאַטען זאָלען וויסען אַלע מיינונגען אין בעצוג פון דיזער פראַגע.

אין בר. 409 איז פאָרגעקומען א פּאַל, וועלכער ציינט ווי ווייט די סעקרעטערע דאַרפען זיין פאָרזיכטיג מיט ארויסשיקען רעדזשיסטרירטע לעטערס אין צייט. א געוויסער מעמבער, וועלכער איז געשטראָכען געוואָרען דעם 6טען יוני און צו וועלכען מען האָט ארויסגעשיקט א רעדזשיסטרירטען לעטער דעם זעלבען טאָג, איז אין 2 טעג ארום געשטאָרבען. דער בענעפישערי פון מעמבער, שטיצענדיג זיך אויף דעם פּונקט, דאָס א רעדזשיסטרירטער לעטער דאַרף ארויסגעשיקט ווערען 10 טעג פאַר'ן שטרייכען, האָט געקליימט די בענעפיט און דער ארב. רינג האָט טאַקע געמוזט בעצאָהלען. עס מוזען אונבעדינגט געמאַכט ווערען ענדערונגען אין דיזער הינזיכט.

## אינוועסטמענט פון ארב. רינג.

די אונזיכערע לאַגע אויף דעם געלד מאַרקעט האָט אונז פערשאַפט פיעל קאָפּ דרעהעניש ווי צו אינוועסטען אם בעסטען אונזערע פאָנדס. בעפאָר די פעראייניגטע שטאַאַטען זיינען אריין אין וועלט קריעג זיינען אַלע אמעריקאַנער ווערט פּאַפּירען געווען הויך אין פּרייז און פלעגען זיך פערקויפען מיט א פּרעמיום. היינטיגס יאהר זיינען די ווערט פּאַפּירען בעדייטענד געפאַלען און ווערען פערקויפט מיט א דיסקאַונט. ווען לעצטעס יאָהר האָבען מיר געהאַט פאַר זיך א פּראָבלעם, ווי צו אינוועסטען אונזערע געלדער, אזוי דאָס זיי זאָלען ציהען גענוג אינטערעסט און צו פערמעהרען אונזער רעזערוו, און מיר האָבען זיך געפיהלט געצוואונגען צו אינוועסטען גרויסע סומען אין סיווינגס בענק, אָבצוואַרטען עד יעבר זעם. אויך זיינען אַנדערע מיטלען אָנגענומען געוואָרען, ווייל, ווי עס איז בעקאַנט, האָט די לעצטע קאָנווענשאָן אויך געפּאַסט א בעשלוס, דאָס דער ארב. רינג זאָל קענען אינוועסטען א טייל פון זיינע געלדער אין פוירסט קלאַס גאַראַנטירטע מאָרגיידזשעס; היינטיגס יאהר זיינען מיר געקומען פּנים אל פּנים מיט א געגענגעזעצטער פּראָבלעם. די טענדענץ פון ווערט פּאַפּירען איז יעצט צו פאַלען אין פּרייז. עס איז כמעט יעדען מאָל געווען ביי אונז א געוויסהייט דאָס, ווען מיר קויפען באָנדס אפילו צו די נידריגסטע פּרייזען וועלען אָבער נאָכהער די פּרייזען זיין נאָך נידריגער. מיר האָבען זיך ניט געקענט העלפען און פלעגען קויפען באָנדס זאָגאַלד ווי עס פלעגט זיך אָנקלייבען א בעדייטענדע סומע אין טרעזשורי. צוליעב די נידריגע פּרייזען פון באָנדס האָבען מיר אויך ארויסגעצויגען אונזערע געלדער פון די סיווינגס באַנק און אינוועסטעט אין סיטי באָנדס. מיר האָבען געקויפט פאַר די צייט פאַר 165,543.12 דאָלאַר באָנדס, וועלכע האָבען א נאָמינאַלען ווערט פון 170,000.00 דאָלאַר, ווי פאָלגט:

| ציים ווען נעקויפט | אינטערעסט רייט | פרייז | נאָמינעלער ווערט | קאָסט פרייז |
|---|---|---|---|---|
| יולי 12, 1917 — | 4¼ | 97⅝ | $25,000 | $24,406.25 |
| יולי 13, 1917 — | 4¼ | 97⅝ | 27,000 | 26,358.75 |
| סעפּ. 22 1917 — | 4½ | 101⅞ | 50,000 | 50,937.50 |
| דעצ. 10 1917 — | 4½ | 97¼ | 35,000 | 34,037.50 |
| מאַר. 11 1918 — | 4¼ | 90 5\|16 | 33,000 | 29,803.12 |

לויט נאָך נאָמינעלען ווערט בעטרע־
פען זיי — — — — — — — — — — $740,000.00

טאָטאל ווערט פון אלע באָנדס וועל־
בע מיר פערמאָגען — — $170,000 $165,543.12

היינטיגס יאהר האָבען מיר, ווי בעוואוסט, איינגעפיהרט פראַטוירנאל רייטס און האָבען חוץ דעם אלע אונזערע אנגע־שטעלטע געגעבען א רייז אום צו קענען נאָכקומען די העכערע קאָסטען פון לעבען. אין פערגלייך מיט לעצטען יאהר זיינען די פערוואלטונגס קאָסטען ווי פאלגט:

ריכּעוונגען אין די אפיס רעקארדס. עס זיינען געמאכט געווארען א נייער לוס ליעף לעדזשער פאר די מעמבערס עט לארדזש. עס איז אויך איינגעפיהרט געווארען א פאלאָו אָפּ סיסטעם, אום בעסער צו קאָנטראָלירען די צושטענדע פון ברענטשעס. עס זיינען אויך געענדערט געווארען די טשארדזש דזשורנאלס, אום צו צופאסען זיי צו דער סיסטעם פון פראַטוירנאל רייטס. און נאָך פיעלע אויסבעסערונגען זיינען געמאכט געווארען אין די מיילינג דעפּארטמענטס א. ז. וו. אין קורצען קענען מיר זאָגען, דאָס די העדס פון אלע דעפּארט־מענטס האָבען לייסטונגס־פעהיג אוועקגעשטעלט זייער ארבייט און פלעגען גלענצענד ערפילען זייערע אויפגאבען אונטער דער אויפזיכט פון סעקרעטער, פר. כאסקין. מיט'ן סטאטיסטיקאל דע־פּארטמענט האָט זיך פעראינטערעסירט די פעדעראלע רעגי־רונג אין וואשינגטאָן. די רעקארדס וועגען די קראנקען בענע־פיט, וועלכע ווערען געצויגען פון מעמבערס פון פערשיעדע־נע טריידס האָט דער דעפּארטמענט אָף לייבאָר אין וואשינג־טאָן אויסגענוצט פאר אונטערזוכונגען וועגען סאָשיאל אינ־שורענס. די בעאַמטע אין וואשינגטאָן האָבען אויף די קאָסטען

פערגלייכונגס טייבעל פון פערוואלטונגס קאָסטען.

| | 1916-17 דזשון אפריל | 1917-18 דזשון אפריל | פערגרעסערט | פערקלענערט |
|---|---|---|---|---|
| רענט — — — — — — | $1,658.30 | 1,757.81 | 99.51 | |
| סאלאריעס — — — — — | 12,136.27 | 13,669.28 | 1,533.01 | |
| פערשיעדענע אָפיס אויסגאַבען | 772.31 | 766.49 | | 5.82 |
| פּאָסטיידזש — — — — — | 1,385.63 | 1,627.06 | 241.43 | |
| פרינטינג און סטיישיאָנערי | 1,424.90 | 1,755.62 | 330.72 | |
| אדווערטייזמענטס — — — | 1,058.15 | 911.23 | | 146.92 |
| טעלעפאָן און טעלעגראמס — | 276.23 | 311.45 | 35.22 | |
| בעלייכטונג — — — — — | 158.36 | 175.03 | 16.67 | |
| אָדיטינג און עקטשוארי — — | 500.00 | 925.00 | 425.00 | |
| דזשענעראל אדמיניסטריישאָן | 988.39 | 1,199.98 | 211.59 | |
| ליגאל סוירווים — — — — | 870.00 | 850.00 | | 20.00 |
| נאצ. באָארד אָוו דירעקטאָרס | 1,455.47 | 1,475.93 | 20.46 | |
| אָדיטינג דעפּארטמענט — — | 1,081.80 | 1,180.00 | 98.20 | |
| קאָמיטעס — — — — — — | 1,261.46 | 1,415.97 | 154.51 | |
| פראַטוירנאל רייט קאָמיטע — | 724.85 | 1,074.95 | 350.10 | |
| טאָטאל — — — — — — | $25.752.12 | $29,095.80 | $3,516.42 | $172.74 |

## די אָפיס דעפּארטמענטס.

אין אלע אָפיס דעפּארטמענטס איז די ארבייט צוגעגאנגען לויט איין פעסט־געגרעגעלטע רוטינע. יעדער דעפּארטמענט האָט ערפילט זיינע אויפגאבען לויט א בעשטימטען פּלאן און אין אלגעמיין פלעגט די ארבייט אין גאנצען אָפיס געטהאָן ווערען אויף א צופרידענשטעלענדען אופן און קיינע קאָמפּ־ליינס פאר פערנאכלעסיגונג פלעגען ניט פארקומען. היינ־טיגס יאהר האָט דער אָפיס נאָך געהאט די אויפגאבע צו אד־זשאָסטען אלע רעקארדס צו דער נייער סיסטעם פון פראַטויר־נאל רייטס. אויך דיעזע שווערע אויפגאבע איז ערפילט גע־ווארען מיט דער הילף בלויז פון 4 טעמפּאָרערי אָנגעשטעלטע. און ווען מיר שרייבען דעם בעריכט זיינען שוין במעט אלע פארבערייטונגען אין די רעקארדס פארטיג פאר דער געוואלדי־גער ראדיקאלער רעפאָרם אין דער סיסטעם פון צאָהלונגען. אין אנדערע הינזיכטען זיינען אויך געמאכט געווארען אויס־

פון דער רעגיערונג בעאויפטראגט אונזערע קלוירקס צו ערגענ־צען די רעקארדס, אום צו קענען אויסגעפינען די פערהעלטניסע פון יעדען טרייד צום אלגעמיינעם מעמבערשיפ אין בעצוג פון קראנקען בענעפיט. נאטירליך וועלען מיר זיך קענען בענוצען מיט די רעקארדס פאר אונזערע אייגענע צוועקען.

## דער אדיטינג דעפּארטמענט.

טראָץ דעם וואס אויך דער אָדיטינג דעפּארטמענט שטעהט אונטער'ן אויפזיכט פון סעקרעטער, איז ער דאָך ארגאניש מיט'ן אָפיס ניט פערבונדען. די אויפגאבע פון דעם דעפּארטמענט איז צו קאָנטראָלירען ברענטש ביכער און האָט נור צו טהאָן מיט ברענטשעס. דער דעפּארטמענט איז פריהער פערוואלטעט געווארען פון דער גריוועגס קאָמיטע און איז היינטיגס יאהר אריבער צו דער אָפיס קאָמיטע. עס ווערט אָנגעוויזען מיט רעכט, דאָס פיעלע ברענטשעס האָבען ניט גענוג קאָמפּעטענטע

מענשען, וועלכע זאלען קענען ריכטיג אונטערזוכען די ברענטש ביכער און דעריבער איז וויכטיג דאָס די ביכער זאלען אונטערזוכט ווערען פון דזשענעראל אפיס.

מיר ווילען דאָך אויפמערקזאם מאכען דאָס אבוואהל די טענה איז א ריכטיגע, טאָרען מיר אבער קיין גאלשע האָפנונגען אויף דער אונטערזוכונג פון דזשענעראל אָפיס ניט לעגען. עס איז אמת אז עס איז זעהר ווינשענסווערט דאָס דער דזשענעראל אָפיס זאָל זיין פאלשטענדיג אינפארמירט וועגען די פינאַנסען פון אלע איהרע ברענטשעס. דערצו מוז מען אָבער האָבען א גרויסען בודזשעט דערמיט עס זאלען קענען אָנגעשטעלט ווערען גענוג קאָמפּעטענטע און פּראָפעסיאנעלע אָדיטאָרס. לויט דעם בודזשעט וועלכען מיר האָבען, מוז די ארבייט געטהאָן ווערען צופעליג.

די ביכער פון אלע ברענטשעס ווערען ניט אונטערזוכט און עס איז אונמעגליך אלע צו אונטערזוכען; דערביי מוז מען אויך בעמערקען, דאָס די אונטערזוכונג פון בלויז ציפערען איז ניט גענוג פאר א ריכטיגע קאָנטראָלע. די אויפגאבע פון א גוטען אָדיט, איז צו זעהן דאָס אלע מעגליכע געלדער פון איינ־נאהמע זאלען זיין ריכטיג פערשריבען און די אלע הוצאות, וועלכע זיינען פערשריבען געווארען זיינען אין דער ווירקליכקייט ריכטיג געמאכט געווארען. אין אזעלכע הינזיכטען זיינען אמאָל וויכטיגער לאָקאלע קאָמיטעס, וועלכע זיינען גענוי בעקאַנט מיט אלע איינצעלהייטען פון ברענטש.

איבערהויפט פעהלט אונז די מיטעל ווי אזוי סיסטעמאטיש צו אונטערזוכען יעדען ברענטש. פיעלע ברענטשעס זאגען זיך אין גאנצען אָב צו שיקען די ביכער צום אָפיס. מיר האָבען נאָך דערצו היינטיגס יאהר געהאט א גרויסע אונאנגענעהמליכקייט פון אן עקסידענט, וועלכער האָט געטראָפען מיט א קלוירק פון דעם דעפּארטמענט, וועלכער איז פאר עטליכע מאָנאטען די זאייבעלד געווארען צו אטענדען זיין ארבייט. אָבער אויך אונטער די שווערע אומשטענדען קען אויך דער דעפּארטמענט פערצייכענען געוויסע ערפאלגען. פאר דעם יאהר זיינען אונטערזוכט געווארען ביכער פון ברענטשעס

| | |
|---|---|
| צו 1 קוו. — — — — — | 5 ברענטשעס |
| צו 2 קוו. — — — — | 135 ברענטשעס |
| צו 3 קוו. — — — — — | 6 ברענטשעס |
| צו 4 קוו. — — — — — | 18 ברענטשעס |
| צו 5 קוו. — — — — — | 3 ברענטשעס |
| צו 6 קוו. — — — — — | 2 ברענטשעס |
| צו 7 קוו. — — — — — | 6 ברענטשעס |
| צו 8 קוו. — — — — — | 2 ברענטשעס |
| צו 12 קוו. — — — — | 2 ברענטשעס |

טאָטאל 179 ברענטשעס מייסטענס צו 2 קווארטאלען.

## אונזער אלגעמיינע טהעטיגקייט.

אונזער אלגעמיינע טהעטיגקייט האָט זיך אויסגעדריקט אויפצופאסען דאָס ביי די ברענטשעס זאלען זיך ניט אָנקלייבען קיין צו גרויסע באלאנסען. מיט דיזען צוועק פלעגען מיר זאָגאר שיקען אונזערע קאָמיטע לייט צו ברענטשעס און דערמאָהנען זיי וועגען זייערע פליכטען צום אָפיס. אין דיעזע שטורמישע צייטען איז אונז אויך אויסגעקומען צו פעראינטערעסירען מיט אלגעמיינע פראגען. אויף די איניציאטיווע פון אונזער קאָמיטע האָבען פארשטעהער פון ארב. רינג נעהאט קאָנפערענצען מיט אַנדערע אידישע אָרדענס, צו זעהן וואס צו טהאָן פאר געדרעפטעטע מעמבערס. אונזער קאָמיטע האָט אויך געמאכט אן אונטערזוכונג ווי עס וועט זיך אָברופען דער דרעפט אויף די מעמבערס פון ארב. רינג. מיט דעם איינפיהרען פון רייטס האָבען מיר צוזאמען מיט'ן סעקרעטער אויסגעארבייט געוויסע רעקאָמענדאציאָנען, וועלכע וועלען פאָרגעבראכט ווערען צום קאָנווענשאָן אין בעצוג פון פערגרעסערונג פון די פּאָליסים און ענדערען דעם לימיט פון עלטער פון מעמבערס, וועלכע ווילען אריין אין ארב. רינג. אויך האָבען מיר בעאויפטראגט דעם סעקרעטער צו נעהמען די נוטיגע שריטע דאָס דער ארב. רינג זאָל קענען טהאָן ביזנעס אין אלע סטייטס לויט די פאָדערונגען פון געזעץ.

## פערוואלטונגס פאָנד.

ווי איהר זעהט, האָבען זיך די פערוואלטונגס קאָסטען פערגרעסערט אבסאלוט אויף 3,343.68 דאָלאר אין פערגלייך מיט לעצטעס יאהר, וואס מאכט אויס אונגעפעהר 12.9%.

די פערגרעסערונג פון פערוואלטונגס קאָסטען אבער איז די פאלגע פון עקסטרא קאָסטען פון פראטוירנאל רייטס, פערגרעסערונג פון פרייזען אין אלגעמיין און פון עקסטרא ארבייט אין אָפיס, שוין ניט רעדענדיג פון העכערען די סאלאריז פון אלע אָנגעשטעלטע און העכערונג אין די רענט.

## טרענספערירונג פון פאָנדס.

אויף די ביכער פון ארב. רינג געפינען זיך פאָנדס פאר צוועקען, וועלכע עקזיסטירען שוין ניט מעהר, צוליעב די ענדערונג אין אומשטענדען. אזוי געפינען זיך די סומען $5,273.56 פון אָלד איידזש פאָנד, $38.10 פון פילאדעלפיער קאָנווענשאָן פאָנד, $398.54 פון נ. י. קאָנווענשאָן קאָמיטע און $585.25 פון דעם רעליעף פאָנד פאר רוסישע רעוואלוציאנערען. מיר האָבען בעשלאָסען צו טרענספערירען די פערשידענע קאָנווענשאָן סורפלוסען צום אלגעמיינעם קאָנווענשאָן פאָנד און דעם סורפלוס פון $5,273.65 פון אָלד איידזש צום רעזערוו פאָנד. די פראגע ווי צו האנדלען מיט די געלדער וועלכע זיינען געזאמעלט געווארען פאר רוסישע רעוואלוציאנערען רעליעף ווערט איבערגעגעבען צום קאָנווענשאָן. די רוסישע רעוואָלוציאן האָט זיך נאָך נישט געענדיגט און ווי מיר קענען פערברויכען די געלדער איז אבער א שווערע פראגע. מיר האָבען אויך טרענספערירט $11,225.25 פון סאנאטאריום טעקס פון נייע מעמבערס צום סאניטאריום בילדינג פאָנד.

## שלום.

ווי איהר זעהט, פריינדע, האָבען מיר געהאט דעם יאהר א שטילען אבער דאָך א פרוכטבארען יאָהר אין אונזער ארבייט. פון אונבעמערקבארע אבער זיכערע פארשריטע וואקסט אינזער ארדען אין אלע הינזיכטען און בלייבט דער שטאָלץ פון די אידישע ארבייטער בעוועגונג ווי געוועזן.

מיט פריינדליכען גרוס,

נאצ. אָפיס קאָמיטע, א. ר.

# בעריכט פון די נייש‌אַנאַל באָארד און דירעקטאָרס

צו די דעלעגאַטען פון דער 18טער יעהרליכער קאָנווענשאָן פון ארבייטער אונ צו אלע מעמבערס.

פריינדע: —

די נייש‌אָנאל באָארד אוו דירעקטאָרס פון 9-1918, קומט צו דער היינטיגער קאָנווענשאָן אנדערש ווי אלע פערוואלטענדע קאָמיטעען. די לעצטע קומען צו א קאָנווענשאָן נאָך דעם ווי זייער יאהר ארבייט איז אָבגעטהאָן און זייערע בעריכטען שפיעגלען אָפּ די טעטיגקייט, ערפאהרונג און אויפטהו פון די בעטרעפענדע קאָמיטעען. ניט אזוי איז אָבער דער פאל מיט אונז. מיר זיינען נאָך נייע מענשען, ערשט לעצטען יאנואר זיינען מיר אינסטאָלירט געוואָרען און מיר האָבען ביז יעצט געהאט נור דעם ערשטען צוזאמענפאָהר. עס איז איבעריג צו זאגען, אז נייע מענשען פון פערשיעדענע סטייטס, די מעהרסטע אזעלכע וואס זיינען איינער דעם צווייטען אונבעקאנט, ווען זיי קומען זיך צוזאמען צום ערשטען מאָהל קענען ניט באלד אלצדינג גענוי בעטראכטען און גרינדליך שטודירען.

עס איז דערפאר גאנץ נאַטירליך דאָס אונזער היינטיגער רעפּאָרט האָט ניט די אייגענשאפטען פון געוועהנליכע קאָמיטע בעריכטען. מיר קענען ניט ריידען פון טעטיגקייט און אויפטהו, ווייל דער גאנצער כאראקטער פון דער נ. ב. א. ד. — ווי ער איז אויסגעדריקט דורך די לעצטע ענדערונגען אין דער קאָנסטיטושאָן — איז מעהר ווי פון אן „עמווירדזשענסי קאָמיטע" וועלכע געוועהנליך, האָט גאנץ וועניג פונקציאנען וואס קענען גערופען ווערען לעבעדיגע טעטיגקייט, אויסער אונזערע פליכטען אלס בעריכט אויפנעהמענדע און רעקאָמענדירענדע קערפּערשאפט. אונזער רעפּאָרט איז אייגענטליך אן איבערבליק פון די ערשטע איינדריקע וואס די פערוואלטענדע קאָמיטעען, די נאציאנאלע עקזעקוטיווע, דער אָפּיס און דער גען. סעקרעטער האָבען אויף אונז געמאכט.

דעריבער ווילען מיר זאגען: כאָטש דאָס זיינען ערשטע איינדריקע, דאָך זיינען אלעס וואס מיר בעריכטען, אונזערע טיעפסטע איבערצייגונג. מיר זיינען געוועזען זעהר פאָרזיכטיג און צוריקגעהאלטען, און אין וויכטיגע פראַגען האָבען מיר זיך נאָך ניט גענומען דאָס רעכט שוין ארויסצוזאגען א בעשטימטען מיינונג. אבער אויף וויפיעל אונז איז יא געוועזען מעגליך צו זעהן, צו שטודירען און דערפון צו פאַסען א בעשטימטען מיינונג טראַגען מיר דערבאַר די פולע פעראנטווארטליכקייט.

## די צוזאמענשטעלונג פון דער נ. ב. אָ. ד.

די נייש‌אָנאל באָארד אוו דירעקטאָרס בעשטעהט אצינד פון 14 פערטרעטער פון די פאלגענדע סטייטס: אָהייאָ, אילינאָיז, ווירדזשיניא, וויסקאָנסין, מינעסאָטא, מישיגען, מעין, מערילענד, ניו דזשוירזי, ניו יארק, פענסילווייניא, קאָנעטיקאָט, ראוד איילענד, און איינער פון קענעדע.

צום ערשטען צוזאמענפאָהר זיינען נור געוועזען פערטראַטען 12 דירעקטאָרען. דער דירעקטאָר פון אילינאָיז האָט אונז געלאָזט וויסען אז ער קען ניט קומען און קענעדע האָט זיך פערשפּעטיגט מיט די וואהלען און זיי האָבען צו אונזער ערשטען צוזאמענפאָהר נאָך ניט געהאט זייער דירעקטאָר געוועהלט.

דער איינדרוק וואס דער ערשטער צוזא[illegible] אונז געמאכט איז, אז די סטייטס האָבען געמאכט א גוטען אויסוואהל, אויסקלייבענדיג מענשען וועלכע האָבען די בעזונדערע פעהיגקייט צו קענען ארבייטען הארמאָניש און איבער[illegible]: צו פערהאלטען זיך ערנסט און פערשטעה[illegible] דעם צווייטען. עס איז אונזער איבערצייגונג אז דאָס וועט אונז זעהר פיעל העלפען ערפאָלגרייך דורכצופיה[illegible]טען און אויפגאבען.

## די נאַציאנאַלע עקז. קאָמ. און איהר ארבייט.

די פערוואלטענדע קאָמיטעען בעזונדער און די נאציאנאלע עקזעקוטיווע אלס גאנצע, ווי אויך דער גען. סעקרעטער, האָבען אונז איבערגעגעבען גענויע, אויספיהרליכע בעריכטען פון זייער ארבייט, טעטיגקייט, דעם צושטאַנד פון אָפּיס, פערמעגען און די פאָנדס פון ארב. רינג. די איינצעלהייטען זיינען שוין געוועזען בעריכטעט אין אונזער רעפּאָרט אין מארטש נומער „פריינד" און עס איז ניט נויטיג דאָס זעלבע צו ווידערהאָלען. מיר ווילען נור בעטאָנען, אז די עקז. קאָמיטע פון דיעזען יאהר בעשטעהט פון גוטע, פעהיגע מענשען, וועלכע בעציהען זיך ערנסט צו זייער ארבייט פאר'ן וואוילזיין פון ארב. רינג און דאָס יעדע קאָמיטע טרייעט איהר בעסטעס דורכצופיהרען איהר ארבייט מיט ערפאלג. דאָס איז דער איינדרוק וואס מיר האָבען ביי אונזער דריי-טאָגיגען צוזאמענפאָהר בעקומען פון די בעריכטען, אינטערפּעלאציאנען און פראגען וואס מיר האָבען צו דיעזע בעריכטען געשטעלט, דיסקוסיאנען וואס מיר האָבען מיט זיי געהאט איבער מאנכע פונקטען און אויך פון דעם געמיינשאפטליכען מיטינג וועלכען מיר האָבען געהאט צוזאמען (וועגען וועלכעם מיר ווילען שפּעטער בעריכטען).

דאָסזעלבע קען אויך געזאגט ווערען פון אונזער גענעראל סעקרעטער, וועלכער מאכט דעם איינדרוק צו זיין א גוטער, פּינקטליכער מענעדזשער, וואס זוכט צו שאפען, וואו נאָר מעגליך, עפישענסי און עקאָנאָמיע און האָט די אמביציע צו זעהן אז אלע פערשיעדענע פאָנדס פון ארב. רינג, די קליינע אזוי גוט ווי די גרויסע, זאָלען זיך געפינען אין א גוטען, זיכערען צושטאַנד.

## אַפּיעלס.

די קאָנסטיטושאָן גיט דער נייש‌אָנאל באָארד אוו דירעקטאָרס דאָס רעכט פאָרצונעהמען אַפּיעלס געגען קאָנסטיטוציאָנעלע ענטשיידונגען פון דער נאצ. עקז. אזעלכע אפּיעלס האָבען מיר געהאט צוויי.

1) בר. 362 האָט אַפּעלירט געגען די אויסטייטשונג פון דער עקזעקוטיווע דאָס די פּאציענטען וועלכעס טערמין אין סאַנאַטאריום עס האָט זיך געענדיגט, אדער וואלט זיך געענדיגט בעפאר דעם 17טען יולי 1917 — דער טאָג ווען דער בעשלוס פאר 9 מאָנאַטען סאנאַטאריום איז ארײַן אין קראַפט — זיינען ניט בערעכטיגט צו די עקסטרא 3 מאָנאַטען סאַנאַטאריום.

נאָכדעם ווי די פערטרעטער פון דער עקזעקוטיווע האָבען אונז ערקלעהרט אז זייער ענטשיידונג איז אין איינקלאַנג מיט דער האַלטונג פון טשערמאַן פון יענער זיצונג פון קאָנווענשאָן, ווען דיעזער בעשלוס איז אָנגענומען געוואָרען, האָבען מיר גוטגעהייסען די ענטשיידונג פון דער נאצ. עקז. קאָמיטע.

2. פיעל מעהר אינטערעסאנט איז דער צווייטער אַפּיעל פון בר. 600. א מעמבער פון דיעזען בראַנטש איז קראַנק געוואָרען אויף קאָנסאָמפּשאָן בעפאר ער איז געוועזען 6 מאָנאַטען א מעמבער אין ארב. רינג. די עקז. האָט דעם בעטרעפענדען געלאָזען פערבלייבען אלס מעמבער אין ארב. רינג און איהם ניט רעדזשעקטעד. דאָרויף געשטיצט האָט דער בראַנטש געטענה'ט, דאָס דער קראַנקער איז בערעכטיגט צו קאָנסאָמפּשאָן בענעפיט.

די נאצ. עקז. קאָמיטע האָט נאָך אין אויגוסט 1917 בעשלאָסען גוטצוהייסען דיעזען פערלאַנג. געגען דעם האָט בר.

18טע יעהרליכע קאָנווענשאָן אַראַנדזשמענטס קאָמיטע.



1טע רייהע, פון רעכטס צו לינקס : ב. לויק, נ. מאלין, דזש. ווייסבערג, ל. אר.ין, דזש. טוויג, פ. רייזבערג, מ. ווגאיק.

2טע רייהע : ס. סווערדאוו, מרס. ד. לעדערמאן, מרס. א. רובין, מרס. סאַטין, מיסס ר. סיגעל, מרס. ס. קיסין, ס. רובין, ד. סיגעל.

3טע רייהע : א. גערסאן, ז. געלבמאן, ס. טעקסי, ר. סאלאמאן, ל. האָפמאן, א. ראדבערג, ס. אשרי.

4טע רייהע : דזש. טארן, מ. ראמאנאף, א. פאוולאָוו, מ. דזשענקינס, פ. בעלאנסקי.

# נאצ. עקזעקוטיוו קאמיטע אר. ריננ



1918 1917



פ.געליעבטער
רעק. סעק



י. ראטהמאן
וייס טשערמאן



אב. עפשטיין.
טשערמאן



מ.פערלאוויטץ
טרעזשורער



י. באסקין
דזשענ. סעק.



מ.גערשאנאוו



ב וואלאוויטץ



א.ד.נערשטיין



א.סלווערמאן



א צוקער



ר. זאלצמאן



ב האפמאן



ס. יעלין



ה. באזעל


ס. סילווערשטעט


ר. גוסקן


מ. וואלבערג


א. אדלער


מ.ס. מאלאט


מ. מינדלין


מ. גאלדינג


י. ווינשטין


ס. יאקאבי


י. סיגעל


מ. דאווידאוו


מ. איזענסקי


נ. פריימאן


ל. פלאשענבערג


מ. מאלאט


מ. ווינבלאט


ל. ראטהמאן


ג. מעטץ

...אנאל באָארד אָף דירעקטאָרס 1917־18.




1טע רייהע (שטעהענדיג) פון רעכטס צו לינקס. י. ישורין, אב. עפשטיין, י. באסקין.

2טע רייהע (זיצענדיג) פון רעכטס צו לינקס: א. ראסקין, טייטעלמאן, יאנאָווסקי, סלאָווין, מ. אשפיז. ד. שייער, דזשאספער, שקלאָווין, סאָקאָלאָוו, י. חלק, ס. רייזען.

ישורין, סעקרעטער פון דער פאריגער נ. ב. אָ. ד., פערקלאגט די עקזעקוטיווע ביי דער נ. ב. אָ. ד., און די ענטשיידונג איז יעמאָלט געווען: אז דער בעטרעפענדער מעמבער איז ניט בערעכטיגט צו קיין קאָנסאָמפּשאָן בענעפיט.

דער ברענטש, וויסענדיג אז א נייע נ. ב. אָ. ד. איז אריין אין אמט, איז געקומען אונז בעטען מיר זאלען רעקאָנסידירען דעם בעשלוס פון דער אלטער נ. ב. אָ. ד. און דער מאן זאל קריגען זיין קאָנסאָמפּשאָן בענעפיט.

אונזער ענטשיידונג איז געווען, אז איין קאָמיטע האָט ניט דאָס רעכט צו רעקאָנסידערען אן ענטשיידונג פון א פאריגער קאָמיטע און דיעזעס ווילען מיר זאל דיענען אלס פרעצעדענט.

## אונזער סאָב קאָמיטע.

די קאָנסטיטושאָן גיט אונז א רעכט צו ערוועהלען א סאָב קאָמיטע פון 3 מיטגליעדער פון די נאָהענטסטע סטייטס פון ניו יארק, וועלכע זאלען פיגורירען אלס גריוועגס קאָמיטע. מיר האָבען אזא קאָמיטע ערוועהלט און זי בעשטעהט פון די דירעקטאָרען פון ניו דזשוירזי, ניו יארק און פענסילווייניא. דיעזער קאָמיטע איז אויך איבערגעגעבען געווארען די ארבייט אין צוזאמען צוזאמען מיט א קאָמיטע פון דער נאצ. עקז. א פאסענדע רעקאָמענדיישאָן אין בעצוג צו פערלייכטערען די צאָהלונגען פאר די עלטערע מעמבערס פאר'ן מאָרטשוערי פאָנד, וועלכעס ליעגט אויף זיי פאלען שווער א דאנק דער נייער סיסטעם פון פראָטוירנאל רייטס.

## אונזער געמיינשאפטליכער מיטינג מיט דער נאצ. עקז.

ענדע 1917, האָט דער ארב. רינג מיט א גרויסער מאַיאָריטעט אָנגענומען פראָטוירנאל אָנגרעס רייטס. מיר, אזוי גוט ווי די עקזעקוטיווע, האָבען געפיהלט, אז ווייל עס איז וועגען דיעזער רעפארמע אָנגעגאנגען אזא לאנגער, שטורמישער קאמפף, איז נויטיג באלד אויפצומונטערען די עלטערע מעמבערס, וועמעס בילס עס וועלען פיעל געהעכערט ווערען און וועלכע האָבען שטארק מורא געקראגען אז די העכערונג וועט זיי מאכען שווער נאָכצוקומען זייערע צאָהלונגען. מיר האָבען געוואלט מאכען עס מעגליך, אז דיעזע רעפארמע זאָל פון אלעמען — אלטע אזוי גוט ווי יונגע — אויפגענומען ווערען מיט צופריעדענהייט, אויב ניט מיט בעגייסטערונג.

די עקזעקוטיווע האָט אויך צו יענער צייט אָנגעפאנגען צוויי קאמפיינס: איינעם אויף צו פערגרעסערען די מעמבערשיפ מיט נאָך 10,000־ ביז צו דער נעקסטער קאָנווענשאָן און דעם צווייטען, צו שאפען 25,000 דאָלאר פאר די מלחמה קרבנות.

אָט וועגען דיעזע דריי פראגען איז דער געמיינשאפטליכער מיטינג געזווארען גערופען. נאָך דעם ווי די פראגען זיינען געגעבען געווארען אן ערענסטע דיסקוסיאָן איז אין בעצוג די קאמפיינס בעשלאָסען געווארען, דאָס די נ. ב. אָ. ד. זאל ארויסלאזען צוויי אויפרופען אין דער פרעסע וועגען פערגרעסערען די מעמבערשיפ און וועגען רעליעף, אויפפאָדערענדיג די מעמבערס צו העלפען דער נאצ. ע זעקוטיווע ערפאָלגרייך דורכצופיהרען ביידע קעמפיינס. די אויפרופען זיינען מיט איינינע טעג שפעטער ערשיענען אין „פארווערטס" און אין מארטש נומער „פריינד".

וואס אנבעלאנגט די פראגע פון די עלטערע מעמבערס, איז דאָס איבערגעגעבען געווארען צו אונזער סאָב קאָמיטע, וועלכע, צוזאמען מיט א קאָמיטע פון דער נאצ. עקזעקוטיווע זאל אויסגעפינען די צאָהל עלטערע מעמבערס און דאן אויסארביטען א פלאן ווי אזוי אמבעסטען צו העלפען זיי אין זייערע צאָהלונגען.

דעם 9טען מארטש איז אָבגעהאלטען געווארען דער געמיינשאפטליכער קאָמיטע מיטינג דער גענ. סעקרעטער, פר. באסקין, האָט אונז צוגעשטעלט אן אויספיהרליכען בעריכט וויפיעל עלטערע מעמבערס מיר האָבען אין די פערשיעדענע קלאסען, אויך וויפיעל זייער מאָרטשוערי פאָנד בעטרעפט. די קאָמיטע איז דערפון געקומען צום שלוס, דאָס פאר די צווייטע קלאסע מעמבערס איז ניט נויטיג קיין הילפע, ווייל די ענדערונג אין זייערע צאָהלונגען איז ניט קיין גרויסע. עס איז אָבער נויטיג צו העלפען די ערשטע קלאסע מעמבערס פון 35 יאָהר און העכער, וועמעס בילס עס וועלען דעם פערטען יאָהר ווערען העכער — לויט ביז־יעצטיגע צאָהלונגען — פון $1.25 פער קווארטאל און מעהר, לויט זייער עלטער.

די קאָמיטע איז איינשטימיג געקומען צום שלוס פאָרצושלאָגען צום קאָנווענשאָן, דאָס די מעמבערס וועלכע זיינען אריין אין ארב. רינג אין עלטער פון 35 יאהר און העכער, זאָל פון פערטען יאהר אָן און ווייטער, זיי גוט געמאכט ווערען פינף און צוואנציג פראצענט פון זייערע דיוס צום מאָרטשוערע פאָנד. די סומע וועט בעטרעפען צווישען 8 און 9 טויזענד דאָלאר א יאָהר. די ארט און ווייזע ווי דיעזע גוט געמאכטע סומע זאל געשאפען ווערען, דאָס האָבען מיר געלאזען פאר דער נאצ. עקזעקוטיווע זעלבסט, וועלכע וועט אזא רעקאָמענדיישאָן פארברייגען צו דער קאָנווענשאָן.

מאנכע וועלען פיליכט זאגען אז פארלויפיג זיינען די צאָהלונגען ניט פיעל העכער ווי פריהער, און מיר האָבען דארום נאָך גענוג צייט צו קלעהרען וואס צו טהאָן אין 4 יאהר שפעטער. אזא מיינונג איז אָבער א טעות. מיר, אזוי גוט ווי די נאצ. עקז., ווילען אז די עלטערע מעמבערס זאלען אפילו איין איינציגע מינוט ניט זיין אין מורא טאָמער וועט דורך די נייע פאָרם פון צאָהלונגען, שפעטער זיין פאר זיי אונמעגליך צו צאָהלען זייערע בילס. וואס פריהער דיעזע זיכערהייט וועט געמאכט ווערען, אלץ געזינטער איז עס, נאָך אונזער מיינונג, פאר'ן ארב. רינג.

## די צוקונפט פון דער נ. ב. אָ. ד.

וואס אנבעלאנגט אונזערע יעצטיגע פונקציאנען אין אלגעמיין שליסען מיר זיך אָן אין דעם זעהר געלונגענעם אויסדרוק פון אונזער סע רעטער, „אז די נ. ב. אָ. ד. איז ווי א סארט אָרנאמענט„ (ציהרונג). מיר גלויבען אז יעצט, ווען 14 סטייטס זיינען שוין פערטראטען, און ווי עס הערט זיך, וועט דורך די איינפיהרונג פון פראָטוירנאל רייטס די נ. ב. אָ. ד. נאָך מעהר פערגרעסערט ווערען, איז נויטיג אום אזא קאָמיטע זאל ווירקליך קענען זיין לעבעדיג, צו האָבען מעהר פונקציאנען פון טעטיגקייט. נאטירליך ווילען מיר זיך ניט אריינרייסען אין די גרעניצען פון די אנדערע פערוואלטענדע קאָמיטעען. מיר גלויבען אבער, אז אין ארב. רינג איז פאראן גענוג מעגליכקייטען פאר טעטיגקייט וועלכעס קען איבערגעגעבען ווערען צו אונז. מיר זיינען איבערציינגט, אז די ענטוויקלונג פון דעם ארב. רינג פיהרט דערצו, דאָס די נ. ב. אָ. ד. זאל ביסלעכווייז אָנפאנגען צו שפיעלען א גרעסערע ראָלע אין דעם ארב. רינג און ווערען א וויכטיגער פערוואלטענדער פאקטאָר.

## שלום וואָרט.

צוי שלוס ווילען מיר בעדאנקען די מעמבערס פאר דער עהרע וואס זיי האָבען אונז צוגעטהיילט און פאר'ן צוטרוי וואס זיי האָבען ארויסגעוויעזען מיט זייער ערוועהלען אונז צו דיעזען הויכען פאָסטען.

די דעלעגאטען צום קאָנווענשאָן בעגריסען מיר מיט דעם וואונש אז זייער ארבייט זאל זיין פרובטבאר און ברייגען די בעסטע רעזולטאטען פאר דעם ווייטערען וואוקס און וואָהלזיין פון ארב. רינג.

מיט פריינדליכען גרוס,

נייש‍אָנאל באָארד אָוו דירעקטאָרס.

נ. ב. — אונזערע רעקאָמענדיישאָס וועט איהר געפינען אויף אן אנדער פלאץ, צוזאמען מיט די איבעריגע רעקאָמענדיישאָנס.

# בעריכט פון דער פיונעראל קאנטראל קאמיטע

די ארבייט פון די פיונעראל קאָנטראָל קאָמיטע איז, אויבערפלעכליך קוקענדיג, אן איינפאכע; דען די אָפיציעלע אויפגאבע פון דיעזער קאָמיטע איז אויפצופאסען דאָס די געלדער זאָלען ריכטיג און אין צייט אויסגעצאָהלט ווערען. און דאָס איז ווירקליך א קליינע ארבייט; דען דאָס ווערט פון אָפיס פינקטליך אויסגעפיהרט. ווען מען נעהמט אָבער אין אנבעטראכט, דאָס די פ. ק. ק. איז די איינציגע נאציאָנאלע קאָמיטע וועלכע האָט אויפצופאסען אויף דיעזען פאָנד ווערט אונזער ארבייט מעהר פערענטוואָרטליך און דעריבער אויך שווערער; דען דורך דעם, ווערט די קאָמיטע ניט נאָר א קאָנטראָלירענדע, וועלכע דארף קאָטראָלירען די פאָנדען, נאָר פיעל מעהר ווי דאָס.

## צאָהלונגען די פיונעראל דירעקט צום אנדערטייקער.

דער לעצטער קאָנווענשאָן האָט בעשלאָסען און א רעפערענדום האָט גוט-געהייסען, דאָס די צאָהלונגען זאָלען געמאכט ווערען דירעקט צום אנדערטייקער; מיר גלויבען דאָס דיעזע רעפארמע און זעהר א וויכטיגע, ווייל דאָס וועט אָבשאפען דעם כאָס'דיגען צושטאנד אין צאָהלונגען פון די אָנדערטייקערס און דער פרעסטידזש פון ארב. רינג וועט דורך דיעזע רעפאָרמע פיעל געווינען. עס איז כדאי צו בעמערקען, דאָס בעפאָר דער רעפערענדום האָט זיך געשלאָסען, האָט א ברענטש פון דעטראיט אונז געלאָזט וויסען, דאָס זיי ווילען דיעזע רעפאָרמע ניט אויספאָלגען. לאָמיר האָפען, דאָס זיי וועלען צום שכל קומען און פערשטעהן, דאָס דיעזע רעפאָרמע איז א וויכטיגע און א נויטיגע און וועלען עס אויספאָלגען.

פון די ברענטש סעקרעטערע פערלאנגען מיר דאָס זיי זאָלען ניט צאָהלען קיינע בילס צום אנדערטייקער, ווייל דאָס וועט פערשאפען שוועריגקייטען אין אָפיס און טראָבעל אין זייערע ברענטשעס.

## טרענספערס פון זייז סעמעטערי קאָמיטע צו א צווייטער.

ווען א מעמבער פלעגט זיך טראנספערירען פון איין שטאָדט אין דער צווייטער, פלעגט ער אין דער נייער שטאָדט מוזען צאָהלען פאר סעמעטערי, אפילו ווען ער האָט שוין געהאט בעצאָהלט דעם גאנצען טעקס אין דער שטאָדט פון וואנען ער האָט זיך טראספערירט. דורך דיעזער איניציאטיווע איז די רעפערענדום דורכגעגאנגען, דאָס אויך די סעמעטערי דעפארטמענט זאָל געבען טראספערס פון איין שטאָדט אין דער צווייטער, און מען זאָל דעם סעמעטערי טעקס ניט דארפען צאָהלען ווען מען האָט שוין איינמאָל עס בעצאָהלט. דיעזע רעפאָרמע האָט, אייגענטליך, מיט אונז דירעקט ניט צו טהאָן; עס איז א פראגע וועלכע בעריהרט דעם גאנצען ארב. רינג, האָבען מיר עס גענומען דורכפיהרען. מיר גלויבען, דאָס קיינער וועט ניט זיין דאגעגען וואָס דיעזע רעפאָרמע איז איינגעפיהרט געוואָרען.

## העכערונג פון די פיונעראל צאָהלונגען.

צוליעב דעם אלגעמיינעם יקרות האָבען אויך אנדערטייקערס געהעכערט דעם פרייז און עס הערט זיך דאָס זיי ווילען נאָך העכערען; זאָגאָר ביי די יעצטיגע פרייזען איז אונמעגליך דורכצוקומען מיט דעם בענעפיט וועלכען מיר צאָהלען אום צו מאכען א בכבוד'דיגע לויה, קומט אויס דעם ברענטש צוצוצאָהלען געלד. מיר גלויבען, דאָס אזעלכעס דארף אין ארב. רינג ניט פאסירען. מיר האָבען פערשפראָכען פיונעראל עקספענסעס און מיר דארפען עס געבען. און דאריבער רעקאָמענדירען מיר, א העכערונג אין די פיונעראל צאָהלונגען ווי פאָלגט:

פאר א קינד ביז 1 יאָהר אלט — — — — —$10.00

פון 1 יאָהר ביז 10 יאָהר — — — — — — — $20.00

פון 10 יאהר היז 18 יאהר — — — — — $30.00

פון 18 און עלטער — — — — — — — — — $50.00

אום צו דעקען די עקסטרא אויסגאבען רעקאָמענדירען מיר דאָס די צאָהלונגען פאר'ן פיונעראל פאָנד זאָל געהעכערט ווערען פון 10 סענט אויף 12 סענט פער מעמבער פער קווארטאל.

ווי איהר קענט זעהן פון אונזער פינאנציעלען רעפאָרט, האָבען מיר היינטיגען יאָהר א דעפיציט פון אונגעפעהר $2000 און די צוויי סענט עקסטרא וועלכע מיר רעאָמענדירען וועט נאָר דעקען די העכערונג פון די צאָהלונגען וועלכע מיר רעקאָמענדירען, דיעזען דעפיציט וועט עס אָבער ניט רעדוצירען, דאָך גלויבען מיר דאָס דיעזע רעקאָמענדיישאָן איז זעהר א וויכטיגע און וועט אָנגענומען ווערען.

## שלום.

מיר האָבען אייך דאָ איבערגעגעבען די גאנצע ארבייט פון דיעזען דעפארטמענט, ווי אויך די רעקאָמענדיישאָנס, וועלכע מיר געפינען פאר נויטיג דאָס עס זאָל איינגעפיהרט ווערען. ליידער פיהלען מיר, דאָס די דעלעגאטען שענקען ניט די נויטיגע אויפמערקזאמקייט צו דיעזען דעפארטמענט. דער פיונעראל סעשאָן פערנעהמט זעהר א קורצע צייט און זעהר פיעלע דעלעגאטען פעהלען אין גאנצען צו דיעזער סעשאָן. דאָס האָט זעהר א שלעכטע ווירקונג אויף דער קאָמיטע. דער סוף דערפון וועט זיין, דאָס רער דעפאָרטמענט וועט ליידען. מיר פערלאנגען דארום פון אייך, דאָס דער פיונעראל סעשאָן זאָל זיין ניט אין דער פריה נאָר נאָכמיטאג און זאָל דויערען א גאנצע סעשאָן און ניט א שעה, ווי ביז יעצט פלעגט זיך פיהרען. מיר גלויבען און האָפען דאָס איהר וועט איינזעהן די וויכטיגקייט פון אונזער פערלאנג און עס אונז נאָכגעבען.

מיר ווינשען אייך א הארמאָנישע און ערפאָלגרייכע קאָנווענשאָן.

פיונעראל קאָנטראָל קאָמיטע פון א. ר.

## ביז נאָך דער קאָנווענשאָן.

בלויז ביז נאָך דער קאָנווענשאָן וועלען די מעמבערס פון א. ר. קענען בעקומען די זיבען פאָפולער געשריעבענע ביכער, וואס די עדיוקיישאָנאל קאָמיטע האָט היי יאהר ארויסגעגעען, פאר $1.50.

נאָך דער קאָנווענשאָן וועלען די ביכער קאָסטען פאר מעמבערס 2 דאָלאר (פאר ניט מעמבערס 4 דאָלאר). אמת, פאר אזוינע 7 עלעגאנט ארויסגעגעבענע ביכער איז 2 דאָלאר אויך א מציאה, וואס מען קען ערגעץ אנדערש ניט קריגען. אָבער דער וואס וויל איינשפאָרען 50 סענט — זאל די ביכער גלייך בעשטעלען.

# רעקאָמענדאַציאָנען צו דער קאָנווענשאָן

## רעקאָמענדאַציאָנען פון דעפּאַרטממענט קאָמיטעס.

### גוטגעהייסען פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע.

1. דער אַסעסמענט פאַר'ן אָרגאַניזאַציאָנס פאָנד זאָל זיין 3 סענט פּער מעמבער פּער קוואַרטאַל.

2. די אָרגאַניזאַציאָנס אַרבייט זאָל, ווי ביז יעצט, געטהאָן ווערען דורך סיטי און דיסט. קאָמ. אונטער דער אויפזיכט פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע קאָמיטע. די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע קאָמיטע זאָל פון צייט צו צייט אויך זיך קענען בענוצען מיט אַ בעצאָהלטען אָרגאַנייזער, ווען זי וועט געפינען פאַר נויטיג.

3. מעמבערס, וואָס זיינען געשטראָכען געוואָרען ביז יאַנואַר, 1918, און זיינען שולדיג געבליעבען לאָקאַלע דיוס, זאָלען קענען אַריינגענומען ווערען אַלס נייע מעמבערס, ניט בעצאָהלענדיג די שולדען (אויסער חובות וואָס זיי זיינען געבליבען שולדיג אין ברענטש ווי צום לאָאַן פאָנד, פאַר טיקעטס, א. ד. ג.). מיט דיעזע פּריווילעגיען אַריינגענומען צו ווערען צוריק אָהן די שולדען פון דיוס זאָלען די אויבענדערמאָהנטע געשטראָכענע מעמבערס זיך קענען בענוצען אין די מאָנאַטען אָקטאָבער, נאָוועמבער, דעצעמבער, 1918 און יאַנואַר, 1919.

### פון סאַנאַטאָריום קאָמיטע.

1. דיעזען יאָהר זאָל פון דעם אַסעסמענט פאַר דעם קאָנסאַמפּשאָן בענעפיט פאָנד (10 סענט פּער מעמבער פּער קוואַרטאַל), טראַנספערירט ווערען פינף (5) סענט פּער מעמבער פּער קוואַרטאַל פאַר דעם סאַנאַטאָריום אויפהאַלטונגס פאָנד.

### פון עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע.

1. דער אַסעסמענט פאַר'ן „פריינד" פאָנד זאָל זיין 7 סענט פּער קוואַרטאַל פּער מעמבער, ווי לעצטען יאָהר.

2. דער אַסעסמענט פאַר'ן עדיוקיישאָנאַל פאָנד זאָל זיין צוויי (2) סענט פּער קוואַרטאַל פּער מעמבער.

3. אום צו דעקען דעם אָנגע ליבענעם דעפיציט פון עדיוקיישאָנאַל פאָנד, זאָל דער יעצטיגער און אויך צוקונפטיגער סורפּלוס פון „פריינד" קענען געברויכט ווערען פאַר'ן עדיוקיישאָנאַל פאָנד.

4. עס זאָל איינגעפיהרט ווערען אַן אַסעסמענט פון איין (1) סענט פּער קוואַרטאַל פּער מעמבער צו שטיצען די אַרבייט פון „סאָנדיי סקולס" אין ניו יאָרק און איבער'ן לאַנד.

### פון אָפיס קאָמיטע.

1. פון יאַנואַר 1919 זאָלען ברענטשעס קרעדיטירט ווערען אויך מיט מאָרטשוערי פאָנד פאַר געשטראָכענע מיטגליעדער.

2. פון יאַנואַר 1919 זאָל אָנגענומען ווערען ביז טויזענד דאָלאַר אינשורענס. אַלטע ווי אויך נייע מעמבערס, וואָס ווילען האָבען אינשורענס איבער פיער הונדערט (400) דאָלאַר, זאָלען פאַר דער איבעריגער סומע העכער פון 400 דאָלאַר דאַרפען צאָהלען די פולע רייטס לויט די יעצטיגע יאָהרען. ווען אַן אַלטער מעמבער וויל פערגרעסערען זיין אינשורענס אויף איבער פיער הונדערט דאָלאַר ($400) מוז ער האָבען אַ מעדיקאַל עקזאַמינעישאָן וואָס זאָל אויך איינשליסען אַ יורין עקזאַמינעישאָן. ווען אַ נייער מעמבער וויל האָבען אינשורענס העכער פון פיער הונדערט דאָלאַר מוז ער אויך האָבען אַ יורין עקזאַמינעישאָן.

3. נייע מעמבערס זאָלען פון יאַנואַר 1919 אַריינגענומען ווערען אין דער עלטער פון 18 ביז 45 יאָהר.

4. נייע מעמבערס אין עלטער פון 40 ביז 45 יאהר זאלען גלייך דאַרפען צאָהלען די פולע רייטס. אַזעלכע מעמבערס מוזען האָבען אַ יורין און אַ בלוט פּרעשור עקזאַמינעישאָן.

5. פאַר אינשורענס ביז $400 זאָל איינטריטס געלד זיין איינס פּראָצענט, ווי ביז יעצט. ווען איינער אינשורט זיך אויף מעהר ווי $400 זאָל ער קיין עקסטראַ איינטריטס געלד פאַר דער סומע העכער ווי $400 ניט דאַרפען צאָהלען.

6. יעדער מעמבער זאָל ביז דער עלטער פון 50 יאָהר קענען העכערען זיין אינשורענס ביז 1000 דאָלאַר.

### פון גריוועגס קאָמיטע.

ענדערונגען אין אונזער קאָנסטיטושאָן:

אַרטיקעל 11, פּאַראַגראַף 11 זאָל זיך לעזען ווי פאָלגט:

„ווען די קאָמיטע, וועלכע איז בעשטימט די קלאַגע אונטערצוזוכען, געפינט דאָס ניט בעגרינדעט, טאָר זי ניט איבערגעבען דעם אינהאַלט פון דער קלאַגע, ניט ביי אַ מיטינג און ניט פּריוואַט, זייער רעפּאָרט דאַרף זיין: „קלאַגע ניט בעגרינדעט". דער ברענטש קען וועגען דעם מעהר ניט האַנדלען. אויב דער קלעגער אָדער אַפּעלאַנט איז אונצופריעדען מיט דער ענטשיידונג, קען ער אַפּעלירען צו דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע קאָמיטע אין צייט פון 30 טעג נאָכ'ן רעפּאָרט פון דער אונטערזוכונגס קאָמיטע פון ברענטש".

אַרטיקעל 20, פּאַראַגראַף 5 זאָל זיך לעזען ווי פאָלגט:

„יעדען יאָהר אין מאָנאַט יאַנואַר זאָל די עקזעקוטיווע אויפפאָדערען די ברענטשעס, זיי זאָלען מאַכען נאָמינייִשאָנס פאַר דעלעגאַטען צום קאָנווענשאָן דורך ספּעשעל מיטינגען."

אַרטיקעל 20, פּאַראַגראַף 6 זאָל זיך לעזען ווי פאָלגט:

„יעדען יאָהר אין דער דריטער וואָך פון מאָנאַט פעברואַר זאָל די עקזעקוטיווע קאָמיטע דירעקט אָדער דורך סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס פעררופען טעריטאָריעלע קאָנפערענצען. צו דיעזע קאָנפערענצען איז יעדער בר. בערעכטיגט צו שיקען ווי צו אַן עקסטראַ קאָנווענשאָן, נעמליך: איינעם פון 100 אָדער אַ מעהר טייל דערפון. דער ברענטש האָט אַ רעכט צו זיין פערטראָטען ביי די טעריטאָריעל קאָנפערענץ אויך דורך פּראָקסים. די עקספּענסעס פון די דעלעגאַטען צום קאָנפערענץ זאָלען די ברענטשעס זעלבסט צאָהלען."

* * *

וועגען אַרטיקעל 9, פּאַראַגראַף 1 איז ווינשענסווערטה אַז די קאָנווענשאָן זאָל געבען איהר דעפיניציאָן. דער פּאַראַגראַף לעזט זיך ווי פאָלגט:

„אַ מיטגליעד פון 1טען, 2טען אָדער 4טען קלאַס איז בערעכטיגט צו קאָנסאַמפּשאָן בענעפיט נאָכדעם ווי ער איז פולע זעקס מאָנאַטען אַ מעמבער פון אַרבייטער רינג."

די נאַצ. עקזעקוטיווע האָט אויסגעטייטשט, אַז אָבוואָהל איינער ווערט קראַנק אויף קאָנסאַמפּשאָן בעפאָר ער איז זעקס מאָנאַטען אַ מעמבער אין אַרבייטער רינג, איז ער בערעכטיגט צו קאָנסאַמפּשאָן בענעפיט נאָכדעם ווי ער איז אַ מעמבער פולע זעקס מאָנאַטען.

| | | | | | | | | | | | | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1303 | סעם. קאמינסקי | שנײַדער | פער. | 42 | 409 | 103170 | 2 | 1917 | יאנ. | 1917 | יוני | — | 5 | ניומאָניע | — | — | 200 | 200 |
| 1304 | נ. קרעצער | באָטאָן מאכער | אונפער. | 20 | 579 | 97703 | 4 | 1916 | אָקט. | 1917 | אויג. | — | 10 | עקסידענט | — | — | 100 | 100 |
| 1305 | איז. קאהאנאוויץ | בריקלייער | אונפער. | 29 | 139 | 54196 | 2 | 1911 | דעצ. | 1917 | סעפ. | 5 | 9 | עקסידענט | 42 | — | 200 | 242 |
| 1306 | ראָזע זיידענבערג | דרעס מייקער | אונפער. | 24 | 216 | 79520 | 2 | 1914 | אָקט. | 1917 | סעפ. | 2 | 11 | עקסידענט | — | — | 200 | 200 |
| 1307 | ס. רײַדין | קאַרפּענטער | פער. | 36 | 495 | 69093 | 1 | 1913 | יולי | 1917 | מאי | 3 | 10 | האַרץ קראַנקהײַט | 36 | — | 400 | 436 |
| 1308 | מאריס קאפּלאַן | דיעלער | פער. | 43 | 19 | 71512 | 1 | 1913 | נאָוו. | 1917 | סעפ. | 3 | 10 | עקסידענט | 90 | — | 400 | 490 |
| 1309 | א. בראַדי | פּאָלישער | פער. | 38 | 434 | 13403 | 1 | 1907 | נאָוו. | 1917 | סעפ. | 9 | 10 | ניומאָניע | 90 | — | 400 | 490 |
| 1310 | א. ליבערמאַן | אפּערייטאָר | אונפער. | 28 | 330 | 96407 | 1 | 1916 | אויג. | 1917 | סעפ. | 1 | 1 | צוקער קראַנקהײַט | 12 | — | 400 | 412 |
| 1311 | דזשאָ. האפמאַן | פּוינטער | פער. | 34 | 34 | 68619 | 1 | 1913 | יולי | 1917 | סעפ. | 4 | 2 | טובערקולאָזיס | 135 | 100 | 400 | 635 |
| 1312 | נ. האַלבערט | באַרבער | פער. | 47 | מ.ע.ל. | 67519 | 1 | 1909 | יולי | 1917 | אויג. | 8 | 1 | האַרץ קראַנקהײַט | 210 | — | 400 | 610 |
| 1313 | ה. ס. פּאָלאַק | סיילסמאַן | פער. | 33 | 343 | 91375 | 2 | 1916 | פעב. | 1917 | אָקט. | 1 | 8 | קענסער | 60 | — | 200 | 260 |
| 1314 | מ. פינקעלשטיין | שנײַדער | פער. | 33 | 412 | 67369 | 1 | 1913 | מאי | 1917 | אָקט. | 4 | 5 | טובערקולאָזיס | 180 | 100 | 400 | 680 |
| 1315 | וו. הוידענבערג | פּייפּער הענגער | פער. | 38 | 34 | 16304 | 2 | 1908 | מאי | 1917 | אָקט. | 9 | 5 | פּאַראַליסיס | 138 | — | 200 | 338 |
| 1316 | א. שולערער | פּוינטער | פער. | 36 | 159 | 54180 | 1 | 1911 | דעצ. | 1917 | אָקט. | 5 | 10 | טובערקולאָזיס | 177 | 100 | 400 | 677 |
| 1317 | מרס. אײַזמאַן | הויז ארבייט | פער. | 52 | 2 | 189 | 3 | 1900 | פעב. | 1917 | נאָוו. | 18 | 9 | טובערקולאָזיס | — | — | 200 | 200 |
| 1318 | מרס. מאַרשאַק | הויז ארבייט | פער. | 59 | 10 | 704 | 3 | 1901 | מאר. | 1917 | אָקט. | 17 | 7 | קענסער אויף דער לונג | — | — | 200 | 200 |
| 1319 | דזש. ראָזענבערג | קאַרפּענטער | פער. | 37 | 67 | 90201 | 2 | 1916 | יאנ. | 1917 | אָקט. | 1 | 9 | האַרץ קראַנקהײַט | 78 | — | 200 | 278 |
| 1320 | ל. קאַפּ | וועבער | פער. | 36 | 121 | 28111 | 1 | 1909 | יולי | 1917 | סעפ. | 8 | 2 | האַרץ קראַנקהײַט | 6 | — | 400 | 406 |
| 1321 | בענדזש. קאַופמאַן | מילקמאַן | פער. | 33 | 290 | 52858 | 1 | 1911 | אָקט. | 1917 | אָקט | 6 | — | מאַרך קראַנקהײַט | 135 | 100 | 400 | 635 |
| 1322 | פיליפּ לאַקערניק | מאַשיניסט | פער. | 36 | 374 | 105122 | 2 | 1917 | מאר. | 1917 | סעפ. | — | 6 | עקסידענט | — | — | 200 | 200 |
| 1323 | אדאָלף בּראַנער | שנײַדער | פער. | 54 | 2 | 1230 | 1 | 1902 | סעפ. | 1917 | אָקט. | 15 | 1 | געשוויר אין די קישקעס | 18 | — | 400 | 418 |
| 1324 | דזש. סילבערמאַן | קויהלען דיעלער | פער. | 48 | 48 | 11587 | 1 | 1907 | יולי | 1917 | אָקט. | 10 | 3 | ניומאָניע | 90 | — | 400 | 490 |
| 1325 | איז. שוואַרץ | טינסמיטה | פער. | 35 | 98 | 19068 | 2 | 1908 | אָקט. | 1917 | אָקט. | 9 | — | קענסער | 108 | — | 200 | 308 |
| 1326 | ס. קליינמאַן | אײַזען ארב. | פער. | 33 | 156 | 22925 | 2 | 1909 | מאר. | 1917 | סעפ. | 8 | 6 | טובערקולאָזיס | 171 | 100 | 200 | 471 |
| 1327 | ה. מייטעל | סיילסמאַן | פע.ר | 42 | מ.ע.ל. | 55730 | 2 | 1912 | פעב. | 1917 | נאָוו. | 5 | 10 | טובערקולאָזיס | 210 | 100 | 200 | 510 |
| 1328 | דזשעני אראָנסאָן | הויז ארבייט | פער. | 35 | 2 | 5235 | 3 | 1904 | דעצ. | 1917 | נאָוו. | 12 | 11 | נירען קראַנקהײַט | — | — | 200 | 200 |
| 1329 | אהרן סלוצקי | פּייפּער הייגנער | פער. | 46 | 23 | 33645 | 1 | 1909 | דעצ. | 1917 | נאָוו. | 7 | 11 | קענסער אין די קישקעס | 135 | — | 400 | 535 |
| 1330 | בענדזש. פּערלמאַן | אינש. בראָוקער | פער. | 55 | 29 | 7523 | 1 | 1906 | יוני | 1917 | אָקט. | 11 | 4 | זעלבסט מאָרד | 42 | — | 400 | 442 |
| 1331 | מ. זוראָווסקי | פּוינטער | פער. | 44 | 154 | 15409 | 1 | 1908 | מאר. | 1917 | אָקט. | 9 | 7 | בלוט שטורץ אין מאַרך | 237 | — | 400 | 637 |
| 1332 | א. לעווין | אפּערייטאָר | פער. | 30 | 423 | 42269 | 2 | 1910 | יולי | 1917 | אָקט. | 7 | 3 | טובערקולאָזיס | 141 | 100 | 200 | 441 |
| 1333 | וואולף וויינגראַד | ציגאַרען מאַכער | פער. | 50 | 2 | 7505 | 1 | 1906 | יוני | 1917 | נאָוו. | 11 | 5 | זעלבסט מאָרד | 183 | — | 400 | 583 |
| 1334 | אהרן כמאַלאַנסקי | שנײַדער | פער. | 50 | 8 | 14392 | 1 | 1907 | דעצ. | 1917 | נאָוו. | 9 | 11 | בלוט שטורץ אין מאַרך | 252 | — | 400 | 652 |
| 1335 | מרס. גינזבערג | הויז ארבייט | פער. | 43 | 12 | 776 | 3 | 1901 | מאי | 1917 | יקט. | 16 | 5 | טובערקולאָזיס | — | — | 200 | 200 |
| 1336 | ס. צענטנער | לייבאָרער | פער. | 48 | 12 | 3971 | 1 | 1904 | מאי. | 1917 | נאָוו. | 13 | 6 | האַרץ קראַנקהײַט | 48 | — | 400 | 448 |
| 1337 | קויטע אבראהמס | הויז ארבייט | פער. | 38 | 27 | 13039 | 3 | 1907 | אָקט. | 1917 | נאָוו. | 10 | 1 | אַ בלוט שטורץ נאָך אַ געבורט | — | — | 200 | 200 |
| 1338 | פיליפּ וועקסלער | פּרעסער | פער. | 42 | 98 | 82062 | 1 | 1915 | יאנ. | 1917 | נאָוו. | 2 | 10 | האַרץ קראַנקהײַט | 18 | — | 400 | 418 |
| 1339 | מאַקס קאַהן | טינסמיטה | פער. | 37 | 98 | 17317 | 1 | 1908 | יולי | 1917 | נאָוו. | 9 | 4 | א מכה אויף דער לונג | 36 | — | 400 | 436 |
| 1340 | ד. בלעניק | האָלין שנימצער | פער. | 32 | 491 | 90184 | 2 | 1916 | יאנ. | 1917 | סעפ. | 1 | 8 | טיפוס | 40 | — | 200 | 240 |
| 1341 | דאַראַ וויינבערג | הויז ארבייט | פער. | 30 | 3 | 5954 | 3 | 1905 | יוני | 1917 | נאָוו. | 12 | 5 | סיפילים | — | — | 200 | 203 |
| 1342 | אבר. פּיטמאַן | פּרעסער | פער. | 45 | 32 | 9501 | 1 | 1907 | פעב. | 1917 | נאָוו. | 10 | 9 | ניומאָניע | 54 | — | 400 | 454 |
| 1343 | דייוו קאַרמאַן | קאַרפּענטער | פער. | 35 | 519 | 79290 | 4 | 1914 | סעפ. | 1917 | נאָוו. | 3 | 2 | ניומאָניע | 36 | — | 100 | 136 |
| 1344 | בענדזש. באַרטנאָי | קלוירק | אונפער. | 19 | 596 | 108034 | 2 | 1917 | יולי | 1917 | נאָוו. | — | 4 | אפּענדיסיטיס | — | — | 200 | 200 |
| 1345 | דזשעני גאָלדבערג | הויז ארבייט | פער. | 37 | 37 | 4072 | 3 | 1904 | יוני | 1917 | דעצ. | 13 | 6 | האַרץ קראַנקהײַט | — | — | 200 | 200 |
| 1346 | איזראַעל כאַרקין | שוסטער | פער. | 32 | 167 | 88241 | 1 | 1915 | אָקט. | 1917 | נאָוו. | 2 | 1 | לונגען קראַנק הייט | 24 | — | 400 | 424 |
| 1347 | ס. רעזניק | שנײַדער | אונפער. | 29 | 216 | 41295 | 2 | 1910 | יוני | 1917 | נאָוו. | 7 | 5 | עקסידענט | 6 | — | 200 | 206 |
| 1348 | ק. ביסענבערג | קלאָוק מייקער | פער. | 22 | 244 | 108756 | 2 | 1917 | אויג. | 1917 | דעצ. | — | 4 | פּערגיפּטעטע אַרטעריעס | 12 | — | 200 | 212 |
| 1349 | לואיס ראַבינאָוויץ | פּרעסער | פער. | 58 | 11 | 732 | 1 | 1901 | מאי | 1917 | דעצ. | 16 | 7 | מאַגען קראַנקהײַט | 90 | — | 400 | 490 |




ערקלערונג צו די דיאַגראַמס.

דיאַגראַם 1 ציינט די ענדערונג וואס עס איז פאָרגעקומען אין דעם פּראָצענט פון די קאָנסאָמפּטיוו מעמבערס פון 1904 ביז 1917. דעם גרעס־טען פּראָצענט (689%.) פון דער גאַנצער מעמבערשיפּ) קאָנסאָמפּטיווס האָבען מיר געהאט אין 1909. פון דאַן אָן איז דער פּראָצענט (אויסער קליינע אויסנאַהמע) אַלין געוואָרען קלענער ביז אין 1917 האָבען מיר געהאט בלויז 39%. קאָנסאָמפּטיווס פון דער גאַנצער מעמבערשיפּ, אָדער 56.6% פון דעם יאָהר 1909, ד. ה. מיט 43.4% ווייניגער ווי אין 1909.

Averag Sick Benefit per sick member $
16.05 · 16.00 · 15.90 · 15.80 · 15.70 · 15.60 · 15.50 · 15.40 · 15.30 · 15.20 · 15.10 · 15.00

Average S. B. per member $.
3.60 · 3.50 · 3.40 · 3.30 · 3.20 · 3.10 · 3.00

Sick Members as a %. of members Cl. I II & IV
23.0 · 22.8 · 22.4 · 22.0 · 21.6 · 21.2 · 20.8 · 20.4 · 20.0 · 19.6 · 19.2 · 18.8 · 18.4 · 18.0

1913 · 1914 · 1915 · 1916 · 1917

2 — % Sick Members
3 — S.B. Per Sick Member
4 — S.B. Per Member

דיאגראם 2 צייגט די ענדערונג אין דעם פּראָצענט פון דער צאָהל קראַנקע מעמבערס פאַר די יאהרען 1913 ביז 1917. דעם גרעסטען פּראָצענט (22.9% פון דער גאַנצער מעמבערשיפּ) האָבען מיר געהאט אין 1915. אין 1917 האָבען מיר געהאט בלויז 18.6% פון דער גאַנצער מעמבערשיפּ, ד. ה. מיט 20.5% ווייניגער קראַנקע מעמבערס ווי אין 1915.

דיאגראם ( צייגט ווי אזוי די דורכשניטליכע אויסגאַבען פאר קראַנקען בענעפיט פער מעמבער האָבען זיך געענדערט זינט 1913 ביז 1917. די גרעסטע דורכשניטליכע אויסגאבען, $3.58 פער מעמבער, איז געוועזען אין 1914 און האָט אַרונטער געשטיגען אין 1917 צו $3.05 פער מעמבער, ד. ה. מיט 14.8% ייווניגער ווי אין יאהר 1914.

דיאגראם 4 צייגט ווי אזוי די דורכשניטליכע אויסגאבען פאר קראנקען בענעפיט פער קראַנקען מעמבער האָט זיך געענדערט זינט 1913. די גרעסטע דורכשניטליכע אייסגאבען פאר קראנ ען בענעפיט פער קראַנקען מעמבער ($16.04) איז געוועזען אין 1914, און אין 1917 איז די אויסגאַבע פער קראַנקען מעמבער ארונטערגעפאלען צו $15.51, ד. ה. מיט 3.3% וועניגער ווי אין 1914.

טאַבעלע וועגען דורכשניטליכען עלטער פון אונזער מיטגליעדערשאַפט; צאָהל געשטאָרבענע פאַר'ן יאָהר; אויסגעצאָהלטע בענעפיטס; קעש פאָנד פאַר יעדע 100 דאָלאַר אינשורענס וואָס מיר האָבען; וויפיעל געשטאָרבען פון יעדע טויזענד מיטגליעדער; די סומע פון אינ-שורענס; צאָהל מיטגליעדער; אסעסמענטס, רעזערוו פאָנד איז די דורכשניטליכע עלטער פון די געשטאָרבענע מעמבערס.

| יאָהר | צאָהל מיטגלידער ענדע יאָהר | די סומע פון די אינשורענס | רעזערוו פאָנד ענדע יאָהר: פערשיעדענע אסעסמענטס | מאָרטשוערי אסעסמענטס | טאָטאל | יעהרליכער צוואוואקס | דורכשניטליכע עלטער פון מיטגלידער | צאָהל פון געשטאָרבענע יעדעס יאָהר | דורכשניטליכע עלטער פון די געשטאָרבענע | סומע פון בענעפיטס אויסגעצאָהלט יעדעס יאָהר | קאָסט פאַר יעדע $100 אינשורענס | צאָהל פון געשטאָרבענע פון 1000 מיטגלידער |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1905 | 6,776 | 2,264,400 | 28,018.69 | 2,945.00 | 30,963.69 | —— | —— | 16 | —— | 5,000.00 | 1.37 | 2.36 |
| 1906 | 8,840 | 2,976,400 | 40,310.42 | 1,100.00 | 41,310.42 | 11,346 73 | —— | 20 | 32.25 | 6,800.00 | 1.72 | 2.27 |
| 1907 | 14,158 | 4,735,000 | 69,976.51 | 4,655.47 | 74,631.98 | 33,321.56 | —— | 36 | 32.45 | 11,400.00 | 1.58 | 2.56 |
| 1908 | 19,324 | 6,277,400 | 102,207.73 | 5,751.87 | 107,959.50 | 33,327 52 | —— | 34 | —— | 12,200.00 | 1.72 | 1.76 |
| 1909 | 31,581 | 9,649,200 | 160,863.96 | 8,574.13 | 169,438.09 | 61,478.59 | 28.1 | 61 | 32.18 | 20,000.00 | 1.76 | 1.93 |
| 1910 | 38,866 | 11,680,000 | 211,227.44 | 8,905.60 | 220,133.04 | 50,694.95 | 28.2 | 97 | 32.02 | 28,600.00 | 1.88 | 2.50 |
| 1911 | 38,295 | 11,588,600 | 219,953.58 | 10,383.99 | 230,337.57 | 10,204.55 | 28.3 | 94 | 32.67 | 29,800.00 | 1.99 | 2.45 |
| 1912 | 41,725 | 12,395,400 | 276,791.49 | 14,630.93 | 291,422.42 | 61,084 85 | 28.4 | 114 | 32.80 | 37,000.00 | 2.35 | 2.73 |
| 1913 | 45,662 | 13,335,800 | 315,074.76 | 32,236.01 | 347,310.77 | 55,888.35 | 29.0 | 140 | —— | 45,300.00 | 2.26 | 3.06 |
| 1914 | 47,817 | 13,753,200 | 370,499.77 | 47,051.69 | 417,551.46 | 70,240.69 | 30.6 | 159 | 34.84 | 46,800.00 | 3.04 | 3.32 |
| 1915 | 49,913 | 14,092,500 | 440,788.59 | 65,407.95 | 506,196.54 | 88,645 08 | 31.1 | 154 | 35.34 | 46,600.00 | 3.60 | 3.08 |
| 1916 | 55,273 | 15,318,300 | 506,148.54 | 83,808.72 | 589,957.26 | 83,760.72 | 31.5 | 189 | 35.05 | 57,200.00 | 3.85 | 3.42 |
| 1917 | 59,500 | 16,404,800 | 596,402.18 | 103,662.26 | 700,064.44 | 110,107.18 | 32.0 | 186 | 36.83 | 54,500.00 | 4.27 | 3.11 |

א טאבעלע, וועלכע צייגט די רעזולטאטען פון אונזערע סטאטיס-טישע אונטערזוכונגען וועגען די קראנקע מעמבערס און קראנקען בענעפיט זינט קווארטאל 50.

| | מעמבערשיפ פון קל. 1, 2, 4. | | | אויסגעצאָהלט קראַנק. בענ. | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| קוו. נומער | צאָהל מעמבערס | צאָהל קראַנקע מעמבערס | % פון מעמבערשיפ | $ טאָטאל סומע | דורכשניטליך פער מעמבער | דורכשניטליך פער קראַנק. מעמבער |
| 50 | 35632 | 2034 | 5.7 | 29604 | $0.83 | 14.60 |
| 51 | 37167 | 1693 | 4.6 | 27000 | .73 | 15.95 |
| 52 | 37696 | 2000 | 5.3 | 33033 | .88 | 16.51 |
| 53 | 38322 | 1799 | 4.7 | 29139 | .76 | 16.18 |
| 54 | 39320 | 2268 | 5.8 | 34986 | .89 | 15.40 |
| 55 | 40599 | 2296 | 5.6 | 36600 | .90 | 15.95 |
| 56 | 40912 | 2265 | 5.6 | 37434 | .92 | 16.55 |
| 57 | 40945 | 2182 | 5.3 | 35514 | .87 | 16.25 |
| 58 | 41437 | 2844 | 6.8 | 41808 | 1.01 | 14.65 |
| 59 | 42131 | 2490 | 5.9 | 37779 | .90 | 15.55 |
| 60 | 42505 | 2205 | 5.2 | 36000 | .85 | 16.31 |
| 61 | 42920 | 2136 | 5.0 | 34431 | .81 | 16.15 |
| 62 | 43579 | 3159 | 7.2 | 43500 | 1.00 | 13.80 |
| 63 | 44670 | 2253 | 5.3 | 34758 | .78 | 15.43 |
| 64 | 45783 | 2394 | 5.3 | 39345 | .86 | 16.45 |
| 65 | 46654 | 2002 | 4.3 | 34563 | .73 | 17.05 |
| 66 | 53065 | 2850 | 5.4 | 41649 | .78 | 14.65 |
| 67 | 53274 | 2451 | 4.6 | 39870 | .75 | 16.28 |
| 68 | 52837 | 2378 | 4.5 | 42189 | .80 | 17.78 |
| 69 | 52542 | 2172 | 4.1 | 37713 | .72 | 13.35 |

| | מעמבערשיפ פון קל. 1, 2, 4. | | | דורכשניטליכע קראַנק. בענ. | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| יאָהר | צאָהל מעמבערס | צאָהל קראַנקע מעמבערס | פראָצענט מעמבערשיפ | טאָטאל | פער מעמבער | פער קראַנקען מעמבער |
| 1913 | 37204.25 | 7526 | 20.3 | $118,776 | 3.20 | 15.81 |
| 1914 | 40444.00 | 9011 | 22.3 | 144,534 | 3.58 | 16.04 |
| 1915 | 42248.25 | 9675 | 22.9 | 150.018 | 3.57 | 15.66 |
| 1916 | 45171.50 | 9808 | 22.1 | 152.166 | 3.37 | 15.68 |
| 1917 | 52929.50 | 9851 | 18.6 | 161.421 | 3.05 | 15.51 |

(זעה דיאגראם 2, 3, 4.)

# אלגעמיינער איבערבליק פון דושענעראל סעקרעטער

פריינדע דעלעגאטען:

ווען איהר וועט זיך אריינטראכטען אין אלע איינצעלהייטען פון מיין בעריכט און איהר וועט נאָכקוקען די פערשיעדענע פאָנדס ווי זיי זיינען געשטאַנען אין די פריהערדיגע יאהרען און ווי זיי שטעהען היינט צו טאָג, וועט איהר איינזעהן, וואס פאר א וואונדערבארען פראגרעס אונזער ארבייטער רינג האָט געמאבט פאר די לעצטע צייט, און איבערהויפּט פאר דעם לעצטען יאהר. איהר וועט בעמערקען, אז אין יעדען פאָנד איז צוגעקומען אן אונגעהויערער סורפּלוס.

אונזער ארבייטער רינג, פון דעם פינאַנציעלען שטאַנדפּונקט, איז פעסט ווי א ריעז און שטאַרק ווי א פעלז. און מיט דיעזען ערפאלג קענען מיר זיך גראַטולירען אלע, ווייל אזא ערפאלג קען געמאכט ווערען נאָר דאן ווען עס הערשט אייניגקייט אין די אייגענע רייהען, ווען די גאנצע מעמבערשיפּ ווענדעט אָן אלע איהרע קרעפטען אָנצוהאלטען די געווינסען פון די אלטע יאהרען, און זעהען אויך צו געהן פארווערטס און מאַכען פארטשריטע אויף אלע געביטען וואס ווייטער און ווייטער.

מיר האָבען אן אונגעהויערען צוואוואוקס אין אונזער טויטען פאָנד. די צאָהל טויטען פעלע היינטיגען יאהר איז געווען נאָך קלענער ווי פאָריגען יאהר, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס אונזער מעמבערשיפּ האָט געוואקסען. און אויך די צאָהל טויטען בענעפיט איז מיט קארגע 3,000 דאָלאר וועניגער אויסגעצאָהלט געווארען ווי פאריגען יאהר. אונזער טויטען שטערבליכקייט פער טויזענד איז אויך עטוואס קלענער געווארען. יעדענפאלס האלט זי אָן אויף דער זעלבער שטופע שוין כמעט פאר די לעצטע פינף יאהר. דאָס ערקלעהרט זיך איינפאַך דערמיט וואס אונזער מעמבערשיפּ איז א יונגע און דער דורכשניטליבער עלטער שטעהט כמעט אויף דעם זעלבען שטאַפּעל ווי זי איז געשטאנען אין די לעצטע דריי־פיער יאָהר.

מיר האָבען אן אונגעהויערען צוואוואוקס אין אונזער רעזירוו פאָנד, און היינט צו טאָג שטעהט דער ארבייטער רינג מיט א פערמעגען פון 900,000 דאָלאר, אדער בעסער געזאגט, מיט א פערמעגען, וועלכער איז גאנץ ניט ווייט פון א מיליאן דאָלאר. עס איז איינפאך וואונדערבאר, און דער ארבייטער רינג איז כמעט די איינציגע ארבייטער ארגאניזאציאן, וועלכע האָט דערגרייכט צו אזא פערמעגען.

דער סורפּלוס אין דעם קראנקען בענעפיט פאָנד האָט היינטיגען יאהר אויך געגעבען א גרויסען שפּרונג. דאָס זעלבע דער קאָנסאָמפּשאָן בענעפיט פאָנד און אלע אנדערע פאָנדס. מערקווירדיג איז דער פאקט, וואס ניט קוקענדיג אויף די עפּידעמיע פון גריפּ און פון אלע אנדערע קראנקהייטען, וועלכע האָט געהערשט פאָריגען יאהר, איז די צאָהל קראנקען פעלע אין דעם יאהר 1917 מיט קארגע 20 פּראָצענט וועניגער ווי אין פאָריגען יאָהר. און דער דורכשניטליבער קאָסט פער מעמבער פאר קראנקען בענעפיט איז אויך געוועזן קלענער ווי אין פאָריגען יאהר. עס איז ניט נויטיג צו זאגען וועמען עס קומט ספּעציעל קרעדיט פאר דיעזע גוטע רעזולטאטען, דער בענעפיט קאָמיטע, דער מעמבערשיפּ קאָמיטע, אדער וועמען. עס איז אנדעריש. עס קומט קרעדיט אלעמען, וועלכע האָבען געארבייט פאר די אינטערעסען פון דעם ארבייטער רינג, און עס איז ניט וויכטיג אָנצורופען נעמען.

עס איז אמת אז מיר האָבען א קליינעם דעפעציט אין דעם אָרגאניזאציאנס פאָנד און אויך אין דעם עדיוקיישאָנאל פאָנד. וועגען דעם אָרגאניזאציאנס פאָנד רעדט שוין די נאצ. ארגאניזאציאנס קאָמיטע אין איהר בעריכט. וואס איך וויל צוגעבען איז פאָלגענדעס: דער דעפיציט פאר דעם גאנצען יאהר פון דעם 1טען יאנואר 1917 ביז דעם 1טען יאנואר 1918, איז עטוואס מעהר ווי 300 דאָלאר. ווען מיר זאלען רעכענען די אויסגאבען פון דעם טאָג אן וואס די נאצ. ארגאניזאציאנס קאָמיטע איז אריין אין אמט ביז היינטיגען טאָג, וועט זיך ארויסצייגען אז זי האָט אין גאנצען אויסגעגעבען עטוואס מעהר ווי 3,800 דאָלאר. איהר וועט פערשטעהן, פריינדע דעלעגאטען, אז אזא פאָנד פאר אן אונגעהויערע ארגאניזאציאן, ווי אונזערע, איז איינפאך אזוי קליין, אז מ'קען גאָר וועגען איהם ניט רעדען אלס אן ארגאניזאציאנס פאָנד. און דאָך האָט די נאצ. ארגאניזאציאנס קאָמיטע ניט אריבערגעטראָטען דעם בודזשעט, וועלכער עס איז איהר געגעבען געווארען. און אויב אויף די ביכער ציהט זיך א דעפיציט, איז דאָס ניט פון דעם יאהר, נאָר פון די פריהעריגע יאהרען.

א חוץ דעם איז די גאנצע סיסטעמע פון שטעלען אויפ'ן רעפערענדום א געוויסע סומע, ניט רעכענענדיג זיך מיט די דיוס, וועלכע דער דזשענעראל אָפיס קאָלעקטעט פון די מעמבערס פאר דיזען פאָנד, געוועזן אן אַלט־מאָדישע און ניט קיין ביזנעסמעסיגע. צום ביישפּיעל, מ'פלעגט אין די פריהעריגע יאהרען שטעלען אויפ'ן רעפערענדום פאר דער עדיוקיישאָנאל קאָמיטע א סומע פון 4,000 דאָלאר. דאָס זעלבע פאר דער אָרגאניזאציאנס קאָמיטע, אין דער צייט ווען די אסעסמענטס פאר דיעזע פאָנדס האָבען זאגאר ניט אריינגעטראגען קיין 3,000 דאָלאר. די קאָמיטען, רעכענענדיג זיך מיט דעם בעשלוס פון רעפערענדום, פלעגען פערטהאָן דיעזע סומען, וועלכע דער אָפיס האָט קיין מאָל ניט קאָלעקטעט, און זעלבסט פערשטענדליך אז עס האָט געמוזט בלייבען א דעפיציט פון איין יאהר אויפ'ן צווייטען, און דיזער דעפיציט איז קיין מאָל ניט געדעקט געווארען פון ספּעציעלע אסעסמענטס.

יעצט האָפען מיר, וועט דיזער איבעל אָבגעשאפט ווערען דורך דעם, וואס אנשטאט צו שיקען צום רעפערענדום אזעלכע סימען, וועלכע זיינען ניט אין איינקלאנג מיט די דיוס, וואס מ'קאָלעקטעט פאר דיעזע פאָנדס, וועט אויפ'ן רעפערענדום שטעהן די סומע דיוס, וועלבע דער אָפיס דענקט צו קאָלעקטען פאר דיעזען פאָנד, ווייל די דיוס, וואס דער אָפיס וועט רעקאָמענדירען, וועט זיין אויסגערעכענט לויט די פאָדערונגען און די אויסגאבען פון דער בעטרעפענדער קאָמיטע. לויט די אויסגאבען וואס מיר דענקען צו האָבען פאר דעם נעקסטען יאהר פאר ארגאניזאציאנס ארבייט, וועט די דיוס פון 3 סענט פער קוואָרטאל פער מעמבער זיין גענוגענד. און דיעזע סומע פערלאנגט פון אייך די נאציאנאלע ארגאניזאציאנס קאָמיטע.

וועגען די ברייטע טהעטיגקייט פון אונזער אָרגאניזאציאנס ארבייט בעריכטעט אין מעהרער איינצעלהייטען די ארגאניזאציאנס קאָמיטע. וואס איך וואָלט וועלען ציהען אייער אויפמערקזאמקייט, פריינדע דעלעגאטען, איז צו די טאַבעלע פון געשטראכענע מעמבערס. די „שטרייך מגפה” איז שוין אן אלטע מכה אין דעם ארבייטער רינג. עס איז שוין וועגען דעם פיעלעס גערעדט געווארען און געשריבען געווארען, און דעריבען איז זעהר נויטיג אז די דעלעגאטען זאלען זיך וועגען דעם מעהרער פערטראכטען. נאָכקוקענדיג די טאבעלע פון די געשטראכענע מעמבערס, וועט איהר בעמערקען פאָלגענדעס:

די צאָהל געשטראכענע איז זעהר הויך פון אזעלכע מעמבערס, וועלכע זיינען אין דעם ארבייטער רינג עטליכע קווארטאלען אדער וועניגער ווי א יאהר. דערנאָך פאלט זי ארונטער. עס איז פערשטענדליך אזא ערשיינונג. עס איז צו בעגרייפען איבערהויפּט נאָך א קעמפּיין אז אין די ערשטע קווארטאלען זאל א גרויסער פּראצענט פון די נייע אריינגעקומענע מעמבערס ארויספאלען. וועגען דעם איז פיעלעס ניטאָ וואס צו רעדען. וואס עס איז אבער יא בערויערענסווערטה און וועלכעס איז נויטיג אז די דעלעגאטען זאלען דאָס נעהמען אין אנבעטראכט, איז דער פאקט, אז די צאָהל געשטראכענע פון

אזעלכע מעמבערס, וועלכע זיינען שוין אין דעם ארבייטער רינג אָבגעזעווען א פיער, פינף און זעקס יאהר איז פראפארציאנעל א צו הויכע, און מ׳קען דיעזע ערשיינונג ניט אוועקמאַכען אונטערן האנד. מיר האָבען שוין פיעלע מאָל אָנגעדייטעט, אז א טייל פון אונזערע מעמבערס פערלאזען אונזערע רייהען ניט צוליעב דעם, וואס זיי קענען ניט צאָהלען זייערע בילס, נאָר צוליעב עטוואס אנדערש, און אין פיעלע פעלע צוליעב קליינליכע פאָליטיקס אין די ברענטשעס. איך זאג דאָס גאנץ אפען, ווייל די פאקטען, וועלכע מיר האָבען אין אָפיס בעשטעטיגען אבסאָלוט דיעזע מיינונג. און דעריבער איז נויטיג אז די דעלעגאטען, צוזאמענקומענדיג זיך פון די פערשיעדענע שטעדט און שטעדטלעך, דעלעגאטען וועלכע זיינען ווארשיינליך די מעהר אַקטיווע, די מעהר אָנפערטרויטע טהוער.פון די ברענטשעס, זאלען דיזען פאקט איבערגעבען צו זייערע רעספעקטיווע ברענטשעס און די פראגע וועגען געשטראכענע מעמבערס זאל ניט אראבגעהן פון טאַגעס־אָרדנונג און ביי יעדער געלעגענהייט רערען ווענען איהר און זעהן וואס עס קען געטהאָן ווערען אום צו פערקלענערען דיזען איבעל, אויב עס איז ניטאָ קיין מעגליכקייט אין גאנצען זי אויסצומיידען.

וועגען די אלגעמיינע ארבייט אין אָפיס און וועגען די ספעציעלע ארבייט, וואס עס איז געטהאָן געווארען אין אָפיס אין פערבינדונג מיט דער איינפיהרונג פון פראטוירנאל רייטס בעריכטעט צו אייך די אָפיס קאָמיטע און איהר וועט קענען האָבען א בעגריף פון דער אונגעהויערער ענערגיע, וועלכע עס איז אריינגעלעגט געווארען אום דורכצופיהרען דיעזע רעפארמע אזוי שנעל און אזוי גוט ווי מעגליך אָהן אריינצוברענגען צופיעל איבריגע עקספענסעס. זעהר ערפרעהענד איז דער פאקט, אז אין דעם ערשטען קווארטאל פון די רייטס, ד. ה. אין קווארטאל 70, איז די צאָהל געשטראכענע געווען א סך א קלענערע ווי אין די פאָריגע קווארטאלען.

די בעציהונג מיט די ברענטשעס פון אָפיס איז געווען די פריינדליכסטע, וועלכע מען קען זיך נאָר פארשטעלען. די ברענטשעס האָבען זיך אימער אָבגערופען אויף יעדען פערלאנג פון דעם אָפיס אין צייט, און דער אָפיס געוועהנליך האָט געטהאָן אלעס וואס עס איז געווען מעגליך צו אַטענרען צו די אלע פערלאנגען פון די ברענטשעס שנעל און פינקטליך. און איך מעג בעהויפטען אז רער אָפיס האָט זיך ערווארבען דעם גרעסטען רעספעקט צווישען די ברענטשעס, ווי עס צייגען די פיעלע לעטערס, וועלכע עס קומען אריין אין אָפיס וועגען פערשיערענע פראָבלעמען און פראגען.

די אָנגעשטעלטע אין אָפיס האָבען זייערע פליכטען ווי איבערגעגעבענע ארבייטער ערפילט, און יעדער איינער האָט געטרייט זיין בעסטעם דורכצופיהרען די אויפגאבען, וועלכע עס איז אויף איהם ארויפגעלעגט געווארען לויט די ציעלען פון דעם בעטרעפענדען דעפּארטמענט. און אויב אין פערלויף פון יאהר איז מיין אייגענע ארבייט דורכגעפיהרט געווארען אלעס ווי געהעריג און אָהן די הילפע פון אן אסיסטענט, איז דאָס פיעלעס צו פערדאנקען אונזער רעקארדינג רעקרעטער, פריינד גליעבטער, וועלכער האָט ניט נאָר געארבייט אלס א רעקאָרדינג סעקרעטער, נאָר אויך אין פיעלע פעלע מיטגעהאָלפען אין דער ארבייט פון אפיס אלס אן אסיסטענט, און איבערהויפּט מיטגעהאָלפען אין דער גרויסער, פעראנטווארטליכער ארבייט פון פּובליסיטי אין די צייטונגען.

ווארפענדיג נאָך אמאָל א בליק אויף די אלע ערפאלגען פון דעם ארבייטער רינג און בעטראכטענדיג דעם צואוואוקס אין די אלע פאָנדס, מעגען מיר שטאָלצירען מיט דיזען יאהר ארבייט. מיר ווילען האָפען און ווינשען, אז די הארמאָני און די איינינקייט, וועלכע האָט געהערשט צווישען די קאָמיטעען און די אָנגעשטעלטע, ווי אויך די איינינקייט און הארמאָני צווישען די ברענטשעס אין לאנד און דער עקזעקוטיוו קאָמיטע זאָלען נאָך מעהר פערשטארקט ווערען, ווייל אין די שטורמישע צייטען, וועלכע מיר לעבען דורך, איז נויטיג די ענגסטע פערבינדונג צווישען די אלע טיילען פון אונזער אָרגאניזאציאן. ווייל נאָר דורך זייער הילפע וועלען מיר קענען געהן פארווערטס, וואס העכער און העכער צו דעם שטאַפּעל פון ערפאלג פאר דעם וואהל און בעסטען ניט נאָר פון אונזער ארגאניזאציאן, נאָר פאר דעם וואָהל און גליק פון דער גאנצער ארבייטערשאפט.

מיט דיעזען ווארימען וואונש און דאנק צו דער עקזעקוטיווע און ברייטער מעמבערשיפּ פאר דעם פערטרויען, וואס זיי האָבען אין מיר געהאט, איבערגעבענדיג מיר די פיהרונג פון דער גרויסער מאַשינערי פון אונזער ארגאניזאציאן בעגריס איך אייך, פריינדע דעלעגאטען, צו דער 18טער יעהרליכער קאָנווענשאָן פון פיטסבורג, און ווינשט אז אייער גאנצע ענערגיע, אייער גאנצע ארבייט זאלט איהר אָבגעבען פאר דעם איינציגען געדאַנק, פאר דעם איינציגען ציעל, צו מאַכען דעם ארבייטער רינג גרעסער, שעהנער און איינפלוסרייכער.

מיט פריינדליכען גרוס,

י. באסקין, דזשענעראל סעקרעטער.

# זיצונגען פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו קאָמיטע א. ר.

א ספּעשעל און רעגולער מאָנאַטליכער מיטינג פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע ווערט ערעפענט מאָנטאג, דעם 1טען אַפּריל, אום 8 אוהר אבענד, פון טשערמאן, פריינד אב. עפשטיין.

---

דער טשערמאַן ערקלערט, אז דער היינטיגער מיטינג איז גערופען געווארען פון פר. באסקין און איהם, אום פארצולעזען דעם קאָנווענשאָן רעפּארט פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיווע, וואס דארף אריינגעגעבען ווערען אין קאָנווענשאָן נומער „פריינד״. די האנדלונג ווערט גוטגעהייסען.

---

דער רעפּארט פון רער נאַציאנאלער עקזעקוטיוו קאָמיטע צו דער 18טער יעהרליכער קאָנווענשאָן ווערט דאן פארגעלעזען און גוט געהייסען מיט איניגע קליינע אויסבעסערונגען.

---

אויף דעם פארשלאג פון פר. עפשטיין ווערט בעשטימט צו אונטערשטיצען די פאָדערונג פון די סאציאליסטישע אלדערמען אין ניו יארק וועגען העכערען די שכירות פון די שטאָדט אָנגעשטעלטע. עס ווערט בעשלאָסען אויפצופאדערען די ארבייטער רינג ברענטשעס אין גרייטער ניו יארק, אז זיי זאלען אויך די פאָדערונג אונטערשטיצען.

---

עס ווערט פארגעלעזען די רעקאָמענדיישאָנס פון די דעפּארטמענט קאָמיטעס. (זעה רעקאָמענדיישאָנס פון די דעפארטמענט קאָמיטעס אויף אן אנדער פּלאץ אין דיזען נומער „פריינד״.) נאָך דעם ווי זיי ווערען דיסקוטירט פּונקט ביי פונקט, ווערען די רעקאָמענדיישאָנס גוטגעהייסען.

*　*　*

פר. גוסקין, טשערמאן פון דער סאניטאריום קאָמיטע, בעריכטעט, אז פארטרעטער פון לאָס אנדזשעלעס סאניטאריום האָבען זיך געווענדעט צו דער סאניטאריום קאָמיטע און געבעטען צו אראנזשירען דעם קומענדען זומער א גרויסע אונטער־

נעהמונג אויף די גראונדס פון סאניטאריום און דער פראפיט זאל געהן פאר דעם לאָס אנדזשעלעס סאניטאריום. די קאָמיטע האָט בעשטימט צו בעוויליגען דעם פערלאנג פון דער שוועסטער אינסטיטושאָן פון אונזער סאַניטאריום.

דער בעשלוס פון דער סאַניטאריום קאָמיטע ווערט פון דער נאַציאנאלער עקזעקוטיווע גוט געהייסען.

---

דער טאַגעס אָרדנונג פון דער נעקסטער קאָנווענשאָן ווערט פארגעלעזען און גוט געהייסען.

עס ווערט בעשלאָסען צו האָבען א פארטזעצונג פון דעם מיטינג מאָנטאג אבענד, דעם 8טען ר. מ.

* * *

א פארטזעצונג פון דעם מיטינג פון דער נאַציאנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע ווערט אָבגעהאַלטען מאָנטאג, אבענד, דעם 8טען אפריל, מיט פר. אב. עפשטיין אלס טשערמאַן.

## קאָמיטע.

פון בר. 194 — לאַדען איין א פעדטרעטער פון דער עקזעקוטיווע צו זייער יובילעאום, וואס וועט געפייערט ווערען דעם 20טען אפריל.

בעשלאָסען צו בעוויליגען. ערוועהלט פריינדע סילווערמאן און וואלאוויץ.

## צושריפטען.

פון בר. 87 — בעטען צו שיקען צוויי פערטרעטער צו דעם באנקעט וואס ווערט געגעבען לכבוד דעם 13טען יעהרליכען יובילעאום פון ברענטש.

בעשלאָסען צו בעוויליגען. ערוועהלט פריינדע גוסקין און וואהלבערג.

---

פון א. ר. לייבאָר לייסעאום אסאסיאיישאָן, בעיאן, נ. דזש., שרייבען, אז דעם 13טען אפריל וועלען זיי „פערברענען דעם מאָרטגיידזש" אויף די לאָטס וואס זיי האָבען מיט פיער יאָהר צוריק געקויפט פאר א לייבאָר לייסעאום. צו דער געלעגענהייט וועלען זיי האָבען אן אלגעמיינעם מיטינג פון אלע א. ר. ברענטשעס אין בעיאן און זיי בעטען צו שיקען א קאָמיטע פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיווע. עס ווערען ערוועהלט פריינדע [illegible]. דייווידאף און מ. מאלאט.

---

פון דער ניו יארק סיטי ארג. קאָמיטע — מעלדען, אז אין אלע ניו יארקער ברענטשעס הערשט א שטארקע אונצופריעדענהייט דערמיט וואס ס'איז געהעכערט געווארען דער פרייז אויף מעדיצינישע אונטערזוכונגען פון נייע קאנדידאטען פון 50 סענט אויף א דאָלאר.

עס ווערט איבערגעגעבען צו דער נאצ. בענעפיט קאָמיטע נאָך אמאָל צו האנדלען וועגען דער פראגע און רעפארטען צום נעקסטען מיטינג.

---

פון דער פארטיי פועלי ציון — לאַדען איין צו בעטייליגען זיך אין אידישען קאָנגרעס, פעררופען אויפ'ן 18טען מאי. עס ווערט בעשלאָסען צו ענטפערען, אז די נאצ. עקז., וועלכע פערטרעט די גאנצע מעמבערשיפ פון א. ר., וואס בעשטעהט פון פערשיעדענע עלעמענטען און פערשיעדענע ריכטונגען און אנשויאונגען אין דעם קיין שטעלונג ניט נעהמען אום ניט צו דיקטירען די ברענטשעס, ווי זיי זאָלען האנדלען אין דיזער פראגע.

## רעפאָרט פון קאָנווענשאָן קאָמיטע.

פר. גוסקין, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, בעריכטעט, אז עס זיינען געאָרדערט געוואָרען פערשיעדענע סיינס פאר'ן קאָנווענשאָן, ווי די מעמבערשיפ לויט די סטייטס, דער וואוקס פון מעמבערשיפ לויט די יאהרען א. ד. גל.

צוליעב די יעצטיגע סיסטעם פון טראנספאָרטיישאָן איז אונמעגליך צו מאכען אראנדזשמענטס וועגען אן עקסטרא טריין פאר די דעלעגאטען. עס איז ערוועהלט געווארען א סאָב־קאָמיטע, וועלכע זאל צוזאמען מיט דעם דזשענעראל סעקרעטער געהן מאכען די בעסטע אראנדזשמענטס וואס וועט זיין מעגליך.

עס איז בעשלאָסען געווארען, אז פריינדע אב. עפשטיין און מ. וואהלבערג זאלען ארויספאָהרען אין פיטסבורג מיט עטליכע טעג פריהער, ווי די איבריגע דעלעגאטען, און מאכען די לעצטע נויטיגע אראנדזשמענטס:

די קאָנווענשאָן קאָמיטע האָט בעשטימט, אז די קאָנווענשאָן פלאָר קאָמיטע זאָל בעשטעהן פון פינף.

דער רעפאָרט ווערט גוטגעהייסען.

* * *

פר. סילווערמאן בעריכטעט, אז פר. צוקער און ער זיינען געווען פערטראטען ביים יעהרליכען מיטינג פון די היברו אימיגראנט אייד סאסייעטי. די אימיגראציאן, ווי קליין זי איז געווען, האָט מען זי אָבער געדארפט רעגולירען. פיעלע אידישע אימיגראנטען זיינען די לעצטע צייט געפאָהרען קיין אמעריקא דורך יאפאַן און די היברו אימיגראנט אייד סאסייעטי האָט געפונען פאר נויטיג צו שיקען א פערטרעטער אין יאפאַן, אום צו קענען העלפען די אימיגראנטען אויפ'ן פלאץ מיט ראטה און טהאט. פערטרעטער פון דער היברו אימיגראנט אייד סאסייעטי האָבען ביים מיטינג אָנגעדייטעט, אז אבוואהל עס איז בלויז געווען 3% צווישען אידישע אימיגראנטען וואס האָבען ניט געקענט לעזען און שרייבען, — וואס צייגט, אז די אידישע אימיגראציאן וועט ווינציג ליידען פון דעם נייעם געזעץ. דאָך זיינען זיי מיט דער מיינונג, אז דער נייער געזעץ, דאָס יעדער אימיגראנט מוז קענען לעזען און שרייבען האָט ניט געדארפט איינגעפיהרט ווערען. דער בעריכט ווערט גוט געהייסען.

## רעפאָרט פון דער אָרגאניזאציאנס קאָמיטע.

פריינד דינערשטיין, טשערמאן פון דער קאָמיטע, בעריכטעט אז די לעצטע עטליכע טעג זיינען ערהאלטען געווארען בריעף פון פערשיעדענע סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס, דאס זיי האלטען אין ארייננעהמען נייע מעמבערס. מען קען דאראוס ערווארטען, אז די עטליכע וואכען וואס זיינען פערבליבען ביז'ן קאָנווענשאָן וועלען נאָך ברענגען גוטע רעזולטאטען אין הינזיכט פון פערגרעסערען אונזער מעמבערשיפ.

פריינדע אב. עפשטיין און ער (דינערשטיין) האָבען אויף דעם פערלאנג פון לייבאָר ליעג אדרעסירט איינינע מאסס־מיטינגען אין מאלדען, באָסטאָן און בראקטאָן, מאססאטשוזעטס. דיעזע מיטינגען זיינען געווען גוט בעזוכט און מען האָט זיך דורכגערעדט וועגען די נייע מעגליכקייטען פאר'ן ארב. רינג, נאָכדעם ווי פראטוירנאל רייטס זיינען אָנגענומען געוואָרען.

פריינד אב. עפשטיין איז געווען פערטראטען ביי בר. 90, טרענטאָן.

טרענטאָן, נ. דזש., איז א קליינע שטעדטעל מיט א היבשע אידישע בעפעלקערונג און א גאנץ אנגעזעהענע ארבייטער בעוועגונג. צווישען די ארבייטער ארגאניזאציאנען אין שטאָדט איז בר. 90 ארב. רינג דער איניציאטאָר פאר געזעלשאפטליכע טהעטיגקייט. אין יעדער וויכטיגער אונטערנעהמונג פערנעהמט בר. 90 ארב. רנג דעם אויבען אָן.

זונטאג, דעם 10טען מערץ, האָט דער ברענטש געפייערט זיין בר מצוה אויף א פראכטפאלען אופן. זיי האָבען אראנדזשירט א גרויסארטיגען קאָנצערט אין איינעם פון די שענסטע טהעאטערע אין טרענטאָן און דער טהעאטער איז געווען פול געפאקט. עס זיינען געווען ניט בלויז אלע ארב. רינג מעמבערס מיט זייערע פאמיליען, נאָר אויך א גרויסער טהייל פון דער ראדיקאלער אידישער בעפעלקערונג איז געקומען זיך פרעהען מיט דער שמחה פון ברענטש 90. דער אינטעליגענטער טהייל פון דער אידישער ארבייטערשאפט ווייסט וואס עס מיינט די עקזיסטענץ פון אן ארבייטער ארגאניזאציאן פאר 13 יאהר, וויסט וויפיעל שטורעמס און שווערע צייטען עס איז אויסגעקומען די טהוער און דער גאנצער מיטגליעדערשאפט אריבערצוטראגען, אום דעם ברענטש צו ברענגען צו דעם בליהענדען צושטאנד אין וועלכען ער געפינט זיך איצט.

ברענטש 90 האָט די פייערונג פון יובילעאום אויסגענוצט פאר פראפאגאנדא צו בויען אן אייגענעם לייבאָר לייסעאום אין טרענטאָן. אויף דעם אפיעל פון פר. עפשטיין, איז אויפ'ן פלאץ געשאפען געווארען העכער אכט הונדערט דאָלאר אלס א פאָנד פאר'ן לייבאָר לייסעאום. די שטימונג איז דאָרט געווען זעהר

א יום טוב'דיגע און עס האט זיך געפיהלט, אז די אידישע בע־
פעלקערונג ווייסט ווי אבצושאצען די גלענצענדע טהעטיגקייט
פון ברענטש 90 ארב. רינג.

א דאנק די מיה פון בר. 90 ווערט אין טרענטאן אויפגע־
האלטען א ראדיקאלע אידישע שוהלע, וואס גיט א מעגליכקייט
די קינדער פון ראדיקאלע עלטערען צו קריגען א מאדערנע אי־
דישע ערציהונג. דער ברענטש רופט זיך אין אלגעמיין אפ
אויף יעדע וויכטיגקייט געשעהענים און נעהמט אליין א טיכ־
טיגען אנטהייל. מיט א קורצע צייט צוריק, צום ביישפיעל,
האבען זיי געשאפען ארום 200 דאלאר פאר די אידישע מלחמה
קרבנות.

לכבוד דעם יובילעאום האבען זיי צוגעקראגען דרייסיג נייע
מעמבערס, וועלכע וועלען ביי איינעם פון די נעקסטע מיטינגען
אויפגענומען ווערען.

פר. מאלאט איז געווען פערטראטען ביי בר. 487, פאר־
קיפסי, נ. י. ביי דער אונטערנעהמונג זיינען אנוועזענד גע־
ווען אלע מעמבערס פון ברענטש מיט זייערע פאמיליען. עס איז
קאלעקטירט געווארען 20 דאלאר פאר'ן רעליעף פאנד. זיי
האבען ביי דער געלעגענהייט ארגייגענומען עטליכע נייע מעמ־
בערס.

ער (דינערשטיין) איז געווען פערטראטען ביים ארגאני־
זאציאנס מיטינג און קאנצערט פון בר. 228, בינגהעמטאן, נ.
י. דער ברענטש טהוט זעהר גוטע ארבייט. זיי שטיצען די
ראדיקאלע פרעסע, דעם לאס אנדזשעלעס סאניטאריום א. ד. ג.
לעצטענס האבען זיי געשאפען איבער 120 דאלאר פאר'ן רע־
ליעף. זיי ארגאנזשירען לעקטשורס און רופען זיך אב אויף
יעדע וויכטיגע געזעלשאפטליכע פראגע. זיי צייגען ארויס
בעזונדערע פריינדליכקייט צו נויטליידענדע מיטגליעדער, און
דאס שאפט דעם ארבייטער רינג א גוטען נאמען ביי זיי אין
שטאדט. נאך דעם מיטינג האבען זיי אויך געהאט א „באנ־
קעטיל" און פר. דינערשטיין האט דארט גערעדט וועגען מעמ־
בערשיפ קאמפיין און וועגען אונזער סאניטאריום.

גענ. דר. גורעוויטש האט, קומענדיג צוריק פון דעם לעק־
טשור טור אראנזשירט פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע, גע־
האלטען אלס פליכט צו זיין ביי דער נאצ. ארגאניזאציאנס קא־
מיטע און איבערגעבען אין קורצען זיינע איינדריקע. עס איז
דר. גורעוויטש'ס מיינונג, אז עס איז נויטווענדיג, דאס א פער־
טרעטער פון דער עקזעקוטיוו זאל בעזוכען די ברענטשעס אי־
בער'ן לאנד אם וועניגסטען צוויי מאל א יאהר, כדי אויפצו־
לעבען די ארבייט אויף די ערטער און אויסגלייכען מיספער־
שטענדניסע צווישען ברענטשעס און דיסטריקט קאמיטעס. ער
האט בעמערקט, אז אין די מידעל־וועסט האבען זיך די לעצטע
צייט אנגעפאנגען ענטוויקלען ליידיס אוקזיליאריס פון ארבי־
טער רינג, וועלכע טראגען אריין א נייעם לעבען אין דער אר־
טיגער בעוועגונג.

פריינד דייווידאף איז געווען פערטראטען ביי צוויי ברענ־
טשעס אין פילאדעלפיא, אין בר. סטראבערי מענשן און איילאנד
ראאד. די ברענטשעס זיינען ניט קיין גרויסע אין צאהל פון
מעמבערשיפ, זיי טהוען אבער אלעס צו פערגרעסערען און פער־
שטארקערען זייערע ארגאניזאציאנען.

דער בעריכט פון דער ארג. קאמיטע ווערט גוט געהייסען.

## סעקרעטערי'ס רעפארט.

פריינד באסקין, דזשענעראל סעקרעטער בעריכטעט, אז די
ברענטשעס שטימען יעצט די רעפערענדומס פאר דעלעגאטען
צום קאנווענשאן און פאר דער קומענדער פערוואלטונג. פיעלע
באלאטס זיינען שוין צוגעשיקט געווארען אין דזשענעראל אפיס.

דער קאמפיין פאר דעם 25טן טויזענד דאלאר פאנד פאר די
אידישע מלחמה קרבנות וועט זיכער געקרוינט ווערען מיט ער־
פאלג. עס איז יעצט דא אין אפיס ארום 20,000 דאלאר און
מאנכע דיסטריקט און סיטי קאמיטעס ווי אויך איינצעלנע
ברענטשעס האבען נאך ניט אריינגעשיקט די קאלעקטירטע געל־
דער.

פריינד באסקין דייטעט אן, אז עס איז זעהר מעגליך,
דאס מיר וועלען קומען צו דער נעקסטער קאנווענשאן ניט נאר
מיט ניט קיין קלענערע מעמבערשיפ, ווי לעצטען יאהר, נאר מיט
עטוואס א פערגרעסערטער צאהל מיטגליעדער.

דער עקטשוערי, מר. עלדרידזש, פערלאנגט א ליסט פון
די עלטער פון אלע מעמבערס, ווען זיי זיינען אריין אין ארביי־
טער רינג און פון זייערע יעצטיגע יאהרען, בעזונדער פון יעד־
דען קלאס. פר. באסקין ערקלערט, אז מר. עלדרידזש האט אזא
ליסט פון אונזערע מעמבערס לויט זייער עלטער ביז 1915.
ער האט געשריבען צו מר. עלדרידזש צוזושיקען אין אפיס דעם
ליסט. צו דעם ליסט וועט צוגעגעבען ווערען די עלטער פון די
מעמבערס פאר די לעצטע צוויי יאהר. די קאפיע פון מר. על־
דרידזש'ס ליסט וועט אויף אזא אופן שפארען א היבשע אר־
בייט.

ער גיט אן פאלגענדע בודזשעטען פאר'ן מאנאט אפריל:

| | |
|---|---|
| אדמיניסטריישאן פאנד — — — | $2,500.00 |
| סאניטאריום קאמיטע — — — | 4,500.00 |
| ארגאניזאציאנס קאמיטע — — — | 300.00 |
| „פריינד" פאנד — — — — — — | 1,000.00 |
| עדיוקיישאנאל קאמיטע — — — — | 200.00 |

דער רעפארט פון סעקרעטער ווערט גוטגעהייסען.

## רעפארט פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע.

פריינד צביון, טשערמאן פון דער קאמיטע, בעריכטעט, אז
זיי האבען בעשלאסען אנצושטעלען גענ. י. ב. ביילין אלס רע־
דאקטאר פון „פריינד" און סעקרעטער פון דער עדיוקיישאנאל
קאמיטע. גענ. ביילין איז געווען דער סעקרעטער איבערזעצער
פון דער סאציאליסטישער פעדעראציאן. זיי דענקען, אז מען
וועט זיך מיט איהם קענען בענוצען אויך פאר ארגאניזאציאנס
ארבייט.

פר. צביון ערקלערט, אז צוליב די יעצטיגע בעדינגונגען פון
טראנספארטיישאן איז ניט אנגעקומען גענוג פאפיער פאר אלע
ביכער און זיי זיינען דארום ניט ארויס אין צייט. די ביכער
וועלען אבער זיכער זיין אין אפיס בעפאר דער קאנווענשאן. ער
דייטעט אן, אז א דאנק דעם וואס זיי האבען אליין געקויפט
פאפיער, וואס די ארבייט פון דרוקען, איינבינדען א. ד. ג. איז
בעשטעלט געווארען דירעקט אין די פלעצער וואו דאס ווערט
געמאכט, איז אויף די ביכער געשפארט געווארען ארום 1,000
דאלאר.

די קאמיטע ארבייט יעצט אויס פלענער פאר דער נייער
אויסגאבע פון נעקסטען יאהר.

דער לעקטשור טור איבער'ן לאנד, וואס זיי האבען אראנ־
זשירט מיט גענ. דר. גורעוויטש, איז געווען ערפאלגרייך. די
לעקטשורס זיינען געהאלטען געווארען אין אלע שטעדט, ווי
מען האט אין אנפאנג אראנזשירט. לויט די בעריכטען זיינען
די לעקטשורס כמעט אומעטום געווען גוט בעזוכט און צופריע־
דענשטעלענד פאר די צוהערער.

דער ארב. רינג ארקעסטער האט דאס ערשטע מאל ארויס־
געטרעטען ביי דער אונטערנעהמונג פון ס. פ. ברענטש 1,
בראנקס, און געהאט א גרויסען ערפאלג. מען האט זיי יעצט
אויך איינגעלאדען צו דער יעהרליכער אונטערנעהמונג פון ווי־
ליאמסבורג לייבאר לייסעאום. דער ארקעסטער ערווארטעט
אינסטאלירט צו ווערען אלס ברענטש בעפאר דעם קאנווענשאן.

דער רעפארט פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע ווערט גוט
געהייסען.

## רעפארט פון דער סאניטאריום קאמיטע.

פר. גוסקין, טשערמאן פון דער קאמיטע, בעריכטעט, אז
עס איז יעצט אוועקגעלעגט געווארען אין אינקאבייטאר 2000
אייער און עס ווערט ערווארטעט, אז עס וועלען ארויסקומען ארום
85 פראצענט טשיקס.

פון טשיקען רענטש איז אין מאנאט מערץ פערקויפט גע־
ווארען אייער אויף דער סומע פון 553.45 דאלאר.

די צוויי קליינע בוילערס אין אדמיניסטריישאן בילדינג
זיינען ניט אין ארדנונג און עס איז בעשלאסען געווארען אוועק־
צושטעלען איין 190 גאלאן בוילער אויפ'ן ארט פון די צוויי.

פר. סאבעל, פון בר. 417, פאציענט פון סאניטאריום, האט

געמאכט א פראכטפולען טיש פאר ברענגען עסען פון קיטשען אין דיינינג רום. דיזעד טיש העלפט זעהר פיעל, אז דאס עסען זאל דערלאנגט ווערען שנעל און זאל ניט קאלט ווערען.

דר. היבס, וועלכער איז אנגעשטעלט געווארען אלס אסיסטענט דאקטאר, איז שוין אנגעקומען אין סאניטאריום, עס וועלען יעצט געמאכט אראנזשמענטס אוועקצושטעלען די לאבאראטארי ארבייט אויף א מאדערנעם אופן.

עס איז איינגעפיהרט געווארען א קלאס אין ענגליש, וועלכער ווערט געפיהרט צוויי שטונדען יעדען טאג. א היבשע צאהל פאציענטען בעזוכען דעם קלאס רעגעלמעסיג.

די לעצטע צייט זיינען אריינגעקומען איינינגע אפליקיישאנס פון פרויען פון מעמבערס אריינגענומען צו ווערען אלס בעצאהלטע פאציענטען. די אבטהיילונג פאר פרויען איז אבער געוועזן בעשרענקט. זיי האבען זיך דורכגערעדט וועגען דעם מיט דר. ראזענבערג, דעם מעדיקאל סופעראינטענדענט, און עס איז געמאכט געווארען־פלאץ פאר נאך איינינגע פרויען פאציענטען.

דער רעפארט פון דער סאניטאריום קאמיטע ווערט גוטגעהייסען.

## רעפארט פון דער אפיס קאמיטע.

פר. איוועגסקי, טשערמאן פון דער קאמיטע, בעריכטעט, אז די עדיוקיישאנאל קאמיטע האט זיך צו זיי געווענדעט מיט א פערלאנג צו מאכען פלאץ אין אפיס פאר די ביכער פון דער נייער אויסגאבע. די עדיוקיישאנאל קאמיטע וויל, אז די ביכער זאלען ארויסגעשיקט ווערען דירעקט פון אפיס, אנשטאט איבערגעבען די עקספעדיציע צו אן אויטסיידער. עס איז בעשלאסען געווארען זייער פערלאנג צו בעוויליגען.

עס איז געקויפט געווארען א נייער „עדינג מאשין".

דער עקטשוערי, מר. עלדרידזש, פערלאנגט סטאטיסטישע אויסקינפטע וועגען די עלטער פון אונזערע מעמבערס, ווען זיי זיינען אריין אין ארב. רינג און לויט די יעצטיגע יאהרען. לויט די רעקאמענדיישאן פון סעקרעטער וועט דער אפיס זיך בענוצען מיט אן אלטען ליסט וואס גיט די עלטער פון די מעמבערס ביז 1915, אויך מיט א ליסט וואס איז אויסגעארבייט פאר דעם יאהר 1916־17. עס וועט אויף אזא אופן אויסקומען צוצוגעבען די עלטער פון אונזער מעמבערשיפ פאר איין יאהר.

עס זיינען לעצטענס געקויפט געווארען באנדס פאר 30,000 דאלאר.

רעפארט פון דער אפיס קאמיטע ווערט גוט געהייסען.

## רעפארט פון דער בענעפיט קאמיטע.

פר. גאלדינג, טשערמאן פון דער קאמיטע, בעריכטעט, אז אין א ניו יארקער ברענטש האט א געוויסער מעמבער, וועלכער איז א בעקער ביים טרייד, געטראפען מיט אן עקסידענט, ארבייטענדיג ביים פייער. ער האט געקראגען אויסגעצאהלט פאר 7 וואכען בענעפיט און עס איז געוועזן א פראגע וועגען נאך דריי וואכען בענעפיט. א ספעציאליסט אן אויגען דאקטאר האט געזאגט, אז ער קען ארבייטען. דער מעמבער האט אבער ניט געארבייט, ערקלערענדיג, אז עס איז פאר איהם אונמעגליך צו ארבייטען אונטער די אומשטענדען. דער ברענטש דאקטאר איז אויך געוועזן מיט דער מיינונג, אז ער האט די לעצטע דריי וואכען געקענט ארבייטען. מעמבערס פון ברענטש האבען אבער בעשטעטיגט, אז ער האט די גאנצע צייט ניט געארבייט און אז ער וועט זאגאר קירצליך האבען אן אפערישאן אויפ'ן זעלבען אויג. די בענעפיט קאמיטע האט בעשלאסען, אז אויב דער בעטרעפענדער וועט אין קורצען האבען אן אפעראציאן אויף דעם אויג, זאל מען די לעצטע דריי וואכען רעכנען אין פערבינדונג מיט דער אפעראציאן און דאן די בענעפיט אויסצאהלען.

אין א געוויסען ברענטש אין דעטראיט איז א מעמבערין קראנק געווארען זעקס וואכען אויף א ברוסט. אנפרעגענדיג ביי אונזער בעראטונגס דאקטאר זיין מיינונג וועגען דער קייס, האט ער געענטפערט, אז אויב זי האט געזויגען א קינד אין פערלויף פון זעקס מאנאטען איידער זי איז קראנק געווארען, איז זי ניט בערעכטיגט צו קיין בענעפיט. דער דאקטאר פון ברענטש האט געשריבען, אז זי האט געזויגען א קינד מיט א מאנאט בעפאר איהר קראנק הייט. די בענעפיט קאמיטע האט בעשלאסען צוריקצווייזען דיזע בענעפיט, בעטראכטענדיג דאס אלס א ספעציעלע פרויען קראנקהייט.

דער רעפארט פון דער בענעפיט קאמיטע ווערט גוט געהייסען.

## רעפארט פון דער גריוועגס קאמיטע.

פריינד ווייגבלאט, טשערמאן פון דער קאמיטע, בעריכטעט, אז צוויי מעמבערס פון א ניו יארקער ברענטש האבען אריינגעשיקט פאלגענדע אבדזשעקשאנס געגען איינעם וואס איז נאמינירט געווארען אלס דעלעגאט צו דער קאנווענשאן:

דער בעטרעפענדער איז פון דער עקזעקוטיוו פון ברענטש צוריקגעוויזען געווארען נאמינירט צו ווערען אלס דעלעגאט צו דער קאנווענשאן. דער סעקרעטער פון ברענטש איז געוועזן דער איינציגער וואס איז נאמינירט געווארען. א טאג בעפאר דער נאמינייישאן קאנפערענץ האט דער סעקרעטער זיך צוריקגעצויגען און געגעבען דעם בעטרעפענדען א קרעדענשעל אלס סאבסטיטוט. דעם 2טען מערץ, אן אבענד בעפאר דער נאמינייישאן קאנפערענץ, איז ביים ברענטש מיטינג פערהאנדעלט געווארען די פראגע און מיט 24 שטימען געגען 11 איז בעשלאסען געווארען גוטצוהייסען די האנדלונג פון סעקרעטער. די אויבענדערמאנטע צוויי מעמבערס האבען אפעלירט געגען דיזען בעשלוס פון ברענטש און אבדזשעקטעט די קאנדידאטור פון דעם בעטרעפענדען. די גריוועגס קאמיטע האט בעשלאסען ענטפערן, אז זיי האבען געקענט אבדזשעקטען צו דער נאמינייישאן קאנפערענץ געגען דער קאנדידאטור פון דעם בעטרעפענדען. אזוי לאנג ווי ער איז נאמינירט געווארען דורך דער קאנפערענץ און איז ארויף אויפ'ן נאמינייישאן באלאט, ווערען זיי ערשט קענען אבדזשעקטען געגען איהם אלס דעלעגאט צו דער קאנווענשאן, אויב ער וועט פון די ברענטשעס ערוועהלט ווערען.

פר. ווייגבלאט גיט איבער וועגען נאך איינינגע אבדזשעקשאנס אין בעצוג נאמינירטע דעלעגאטען צו דער קאנווענשאן, וועגען וועלכע זיי איז אויסגעקומען צו האנדלען, און דער רעפארט פון דער גריוועגס קאמיטע ווערט גוטגעהייסען.

* * *

פריינד ווייגבלאט און ל. ראטהמאן ווערען ערוועהלט אלס קאמיטע צו צעהלען די באלאטס פאר דעלעגאטען צו דער קאנווענשאן פון די קאונטרי ברענטשעס.

פריינדע פלאשענבערג און פריימאן ווערען ערוועהלט אלס קאמיטע צו צעהלען די באלאט פאר דעלעגאטען צו דער קאנווענשאן פון די ניו יארק ברענטשעס.

פ. געליעבטער,

רעקארדינג סעקרעטער.

---

## פעהלער אויסבעסערונג.

אין דעם רעפארט וועגען די זיצונגען פון דער נאצ. עקזעקוטיוו קאמיטע פאר לעצטען מאנאט איז דורכגעלאזען געווארען פאלגענדעס:

פר. מ. מאלאט פון בר. 183 בעט שריפטליך ארונטערצונעהמען זיין נאמען פון דעם באלאט פאר דער קומענדער פערוואלטונג. דער טשערמאן פון ארב. רינג רולט, דאס אזוי לאנג ווי ער איז נאמינירט געווארען דורך דער נאמינייישאן קאנפערענץ און זיין נאמען איז שוין געדרוקט אויפ'ן רעפערענדום באלאט, קען די נאצ. עקזעקוטי דיזען פערלאנג ניט בעוויליגען.

| Occupations | Qu. 60 | | Qu. 61 | | Qu. 62 | | Qu. 63 | | Qu. 64 | | Qu. 65 | | Qu. 66 | | Qu. 67 | | Qu. 68 | | Qu. 69 | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | Sick Benefit Paid | Percentage | Sick Benefit Paid | Percentage | Sick Benefit Paid | Percentage | Sick Benefit Paid | Percentage | Sick Benefit Paid | Percentage | Sick Benefit Paid | Percentage | Sick Benefit Paid | Percentage | Sick Benefit Paid | Percentage | Sick Benefit Paid | Percentage | Sick Benefit Pa'd | Percentage. |
| Bakers | 1104 | 2.8 | 1440 | 4.2 | 1875 | 4.3 | 1134 | 3.3 | 1722 | 4.4 | 1086 | 3.1 | 1560 | 3.7 | 1395 | 3.5 | 1476 | 3.5 | 1428 | 3.8 |
| Bricklayers | 324 | .9 | 423 | 1.2 | 534 | 1.2 | 324 | .9 | 360 | .9 | 360 | 1.0 | 324 | .8 | 432 | 1.1 | 558 | 1.3 | 615 | 1.6 |
| Businessmen | 3324 | 9.2 | 3684 | 10.7 | 6597 | 15.1 | 4368 | 12.6 | 5748 | 14.6 | 4899 | 14.2 | 6015 | 14.7 | 4698 | 11.8 | 4539 | 10.8 | 4344 | 11.5 |
| Carpenters | 3021 | 8.4 | 2925 | 8.5 | 4857 | 11.2 | 3174 | 9.1 | 3231 | 8.2 | 3804 | 11.0 | 5007 | 12.0 | 4296 | 10.8 | 3813 | 9.1 | 3288 | 8.7 |
| Cigarmakers | 705 | 2.0 | 690 | 2.0 | 603 | 1.4 | 651 | 1.9 | 1035 | 2.6 | 735 | 2.1 | 672 | 1.6 | 720 | 1.8 | 519 | 1.2 | 552 | 1.5 |
| Clerks | 1866 | 5.2 | 1569 | 4.6 | 2013 | 4.6 | 1821 | 5.3 | 2232 | 5.7 | 1968 | 5.7 | 1866 | 4.5 | 1782 | 4.5 | 1848 | 4.4 | 2391 | 6.3 |
| Cutters | 756 | 2.1 | 957 | 2.8 | 570 | 1.3 | 726 | 2.1 | 627 | 1.6 | 822 | 2.4 | 885 | 2.1 | 930 | 2.3 | 891 | 2.1 | 732 | 1.9 |
| Furriers | 264 | .7 | 408 | 1.2 | 336 | .8 | 252 | .7 | 231 | .6 | 180 | .5 | 384 | .9 | 330 | .8 | 300 | .7 | 198 | .5 |
| Housewives | 315 | .9 | 435 | 1.3 | 594 | 1.4 | 288 | .8 | 354 | .9 | 552 | 1.6 | 510 | 1.2 | 360 | .9 | 501 | 1.2 | 309 | .8 |
| Laborers | 1449 | 4.0 | 2241 | 6.5 | 2280 | 5.2 | 1464 | 4.2 | 1563 | 4.0 | 1638 | 4.7 | 2070 | 5.0 | 1713 | 4.3 | 2631 | 6.2 | 2184 | 5.8 |
| Leather workers | 300 | .8 | 108 | .3 | 384 | .9 | 387 | 1.1 | 102 | .3 | 534 | 1.5 | 324 | .8 | 294 | .7 | 186 | .4 | 219 | .6 |
| Machinists | 705 | 2.0 | 1095 | 3.2 | 1083 | 2.5 | 1410 | 4.0 | 1287 | 3.3 | 1020 | 3.0 | 1218 | 2.9 | 1110 | 2.8 | 1470 | 3.5 | 1392 | 3.7 |
| Metal workers | 1386 | 3.9 | 1413 | 4.1 | 2121 | 4.9 | 2031 | 5.8 | 2622 | 6.7 | 2043 | 5.9 | 2421 | 5.8 | 2565 | 6.4 | 2700 | 6.4 | 2229 | 6.0 |
| Operators | 2790 | 7.7 | 2469 | 7.2 | 3516 | 8.1 | 3756 | 10.8 | 4002 | 10.2 | 3294 | 9.5 | 3465 | 8.3 | 3903 | 9.8 | 4044 | 9.6 | 3450 | 9.2 |
| Painters | 2697 | 7.5 | 2226 | 6.5 | 4233 | 9.7 | 2355 | 6.8 | 2787 | 7.1 | 1890 | 5.5 | 2916 | 7.0 | 2649 | 6.6 | 3138 | 7.4 | 2877 | 7.6 |
| Pressers | 1254 | 3.5 | 1032 | 3.0 | 1092 | 2.5 | 1497 | 4.3 | 1206 | 3.1 | 1086 | 3.2 | 924 | 2.2 | 1461 | 3.7 | 1275 | 3.0 | 1296 | 3.4 |
| Printers | 252 | .7 | 180 | .5 | 246 | .6 | 354 | 1.0 | 174 | .4 | 252 | .7 | 210 | .5 | 219 | .5 | 255 | .6 | 294 | .8 |
| Shoemakers | 1125 | 3.1 | 1203 | 3.5 | 918 | 2.1 | 1020 | 2.9 | 654 | 1.7 | 801 | 2.3 | 1026 | 2.5 | 1125 | 2.8 | 1062 | 2.5 | 690 | 1.8 |
| Tailors | 7074 | 19.6 | 5316 | 15.5 | 7251 | 16.7 | 5649 | 16.3 | 7155 | 18.2 | 5511 | 16.0 | 7311 | 17.5 | 6597 | 16.5 | 7425 | 17.6 | 6144 | 16.3 |
| Weavers | 528 | 1.5 | 363 | 1.1 | 792 | 1.8 | 582 | 1.7 | 756 | 1.9 | 657 | 1.9 | 612 | 1.5 | 804 | 2.0 | 1182 | 2.8 | 903 | 2.4 |
| Other occupations | 4761 | 13.5 | 4254 | 12.1 | 1605 | 3.7 | 1515 | 4.4 | 1497 | 3.6 | 1431 | 4.2 | 1929 | 4.6 | 2487 | 6.3 | 2376 | 5.6 | 2178 | 5.8 |
| Total | 36000 | 100. | 34431 | 100. | 43500 | 100. | 34758 | 100. | 39345 | 100. | 34563 | 100. | 41649 | 100. | 39870 | 100. | 42189 | 100. | 37713 | 100. |

**Balance of Tables will be printed in June Number**

וועלען נאָכהאַלטען דיעזען רעקאָרד וועט ער דאַרפען אָרדערען אַרום 400 סעטס. דערוויילע האָבען מיר אָבער נור פון ברענטש 156 דעם ערשטען אָרדער פאַר 50 סעטס. (ווייטערע וועלען נאָך, פאַרשטעהט זיך, קומען). עס איז ווינשענסווערט צו דערמאָנען דעם היבשען אָרדער, וואָס האָט אונז אַריינגעשיקט די סיטי קאָמיטע פון טאָראָנטאָ (אויך קענעדער אידען!) — אויף 200 סעטס. צו דעם ברענטש 204 קומט עס ניט. ער שטעהט אין סאַמע פראָנט, אויף דער עהרען־ליניע.

**

מיט אייגענע קרעפטען.

די ערשטע מאַי פייערונג פון אַרבייטער רינג אין ניו סטאַר קאַסינאָ, איז אַ דורכגעפיהרט געוואָרען מיט אַזאַ פראַכט און גלאַנץ, מיט אַזאַ רייכען פראָגראַם, מיט אַזאַ געשמאַקפולער אויסשטאַטונג, דאָס מ'טאָר עס ניט פאַרביילאָזען אונבעמערקט. דער פאַקט אָבער, וואָס דער גאַנצער גענוספולער אָבענד איז אַ דורכגעפיהרט געוואָרען פון אונזערע אייגענע אַרבייטער רינג קונסט־אַבטיילונגען, פון דעם אַרבייטער רינג כאָר, פון דער פרייער אידישער ביהנע, ברענטש 555 און פון אונזער ניי־געגרינדעטען ברענטש אָרקעסטער, 615. אויף אַזאַ אויסגעצייכנעטען אופן איז ווערט פאַרצייכענט צו ווערען עדיטאָריעל. איבערהויפט האָט אַלעמען איבעררראַשט דער אָרקעסטער, וואָס איז עפּעס ווי דורך אַ כשוף, אַזוי שנעל און סאָליד אויסגעוואַקסען אונטער די הענד פון דעם אָרגאַנייזער נ. זאָלטערמאַן און זיינע צוהעלפער. דאָס איז געווען זיין ערשטער אַרויסטריט, און האָט געקראָגען זיין רעוואָלוציאָנערען „באַפּטיזם" צום ערשטען מאַי....

עס וואַקסען אונזערע קרעפטען טראָץ אַלע שווערע אומשטענדען. עס ענטוויקעלט זיך די אַרבייטער־קונסט אויף פאַרשיעדענע געביטען. דער קומענדער בעל הבית פון לעבען קלאַפּט אויך אין די פאַרמאַכטע טויערען פון דער קונסט און ברעכט זיך אַריין מיט זיין גאַנצער קראַפט.

און פאַר העלפען אַריינברענגען דיזע נויטיגע קולטור אָפּטיילונגען אין אַרבייטער רינג וועלען מיר דאַרפען דאַנקבאַר זיין די אַלטע נאַציאָנאַלער דזשענעראַל עקזעקוטיווע בכלל און דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע בפרט, ווי אויך דער ניו יאָרקער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע.

*

די נייע רעדאַקציע און אַדמיניסטראַציע פון „פריינד".

מיט דיזען נומער איז דער „פריינד" אַריבערגעגאַנגען אין די הענד פון אַ נייער רעדאַקציע. ווי דער מנהג איז (אַ מנהג ברעכט אַ דין) דאַרף די רעדאַקציע אויסרעכענען אַלע נייע פאַראַנדקעס, וואָס זי געהט איינפיהרען, די נייע אָפּטיילונגען, וואָס זי געהט עפענען, די בעריהמטע שרייבער, וואָס זי וועט האָבען צו איהר דינסט, א. א. וו. זאָגט מען אונז אָבער, דאָס דעם עולם זיינען שוין דערעסען געוואָרען די הבטחות און ווילען בעסער איין לויט ממשות'דיגעס איידער צעהן פונט הבטחות. האָט די רעדאַקציע דיזען מאָל געוואָלט פאַרבויגען דעם מנהג און טאַקע קיינע וועקסלען אויף פריהער ניט אַרויסגעבען. ליידער איז אָבער אין דיזען נומער דערווייל אונמעגליך געווען צו געבען די ממשות'דיגע ענדערונגען, ווייל עס איז נאָך דער קאָנווענשאָן און די אָפּיציעלע אָפּטיילונג האָט זיך צושפּרייט איבער ניין־צעהנטעל פון אונזער זשורנאַל. און זי מוז דאַריבער ווילענדיג — ניט ווילענדיג אָנווייזען אויף שפּעטער, דאָס זי וועט זיך אָנשטרענגען צו מאַכען דעם „פריינד" אינטערעסאַנטער און אינהאַלטסרייכער דורך דער עפענונג פון קליינע בעלעטריסטישע און פּובליציסטישע אָפּטיילונגען.

דאָס די וויסענשאַפטליכע אָפּטיילונג וועט אָנגעהאַלטען ווערען און מעגליך נאָך ווערען מעהר פאַרברייטערט.

דאָס דער פריינד וועט זיין הויפּטזעכליך אַ מיטעל פאַר אָרגאַניזאַציאָן און וועט אָפּשפּינגלען אויף זיינע פּייזשעס די אַרבייטער רינג בעוועגונג אין איהרע פאַרשיעדענע געשטאַלטען און קאָלירען.

דאָס, כאָטש אונמעגליך אַלעמען צופרידענצושטעלען, וועט דאָך דער „פריינד" זעהען, דאָס די גרעסטע צאָהל לעזער זאָלען אין איהם געפינען אַן אינטערעסאַנטען מאַטעריאַל און לעבעדיגען אָרגאַניזאַציאָנס אינהאַלט.

דאָס דיזע אַלע רעפאָרמען ווערען נור מעגליך דערפאַר איינצופיהרען אַ דאַנק דער בעשטימונג פון דער דזשענעראַל עקזעקוטיווע אָנצושטעלען אַ רעדאַקטאָר וואָס זאָל זיך אויסשליסליך אָפּגעבען דעם „פריינד" און דעם עדיוקיישאָנאַל דעפּאַרטמענט. ביז אַהער איז דעם רעדאַקטאָר'ס צייט געווען נאָר טיילווייז אָנגעשטעלט פאַר'ן „פריינד".

די אַדמיניסטראַציע וועט זיין יעצט ענג פאַרבונדען מיט דער רעדאַקציע. די גרעסטע אָנשטרענגונגען וועלען געמאַכט ווערען, דאָס דער „פריינד" זאָל דערגרייכען אַלע אונזערע מעמבערס. אַ שטרענגערע קאָנטראָל וועט געהאַלטען ווערען איבער דער „מיילינג־ליסט", און מיר בעטען אַלע אונזערע סעקרעטערע צו לאָזען אונז וויסען, וועגען אַלע אונרעגעלמעסיגקייטען אין דער מיילינג־ליסט פון „פריינד".

כדי מיר זאָלען קענען איין מאָל פאַר אַלע מאָל פאָלשטענדיג רעווידירען די מיילינג־ליסט און אויך צוליעב דעם, וואָס די לעצטע צוויי נומערען „פריינד" זיינען געווען פאַרגרעסערטע, גיבען מיר אַרויס דיעזען נומער אַלס אַ יוני־יולי נומער.

---

## דער אַרבייטער רינג און די מוני קיים.

אויף אַ גראַנדיעזען 1טען מאַי מיטינג אין ניו יאָרק, אַראַנזשירט פון אַרבייטער רינג אין דער סטאַר קאַסינאָ, איז נאָך אַ וואַרימען אַפּיעל פון פר. א. עפּשטיין, טשערמאַן פון א. ר., אָנגענומען געוואָרען אַ רעזאָלוציאָן צו גונסטען פון דעם אומגליקליכען טהאָמאַס מוני און פאָלגענדע צוויי טעלעגראַמען זיינען אָבגעשיקט געוואָרען צו פּרעזידענט ווילסאָן און צו דעם גאָווערנאָר פון קאַליפאָרניא:

### טעלעגראַמע:

צו זיין עקסעלענץ, דער פּרעזידענט פון די פעראייניגטע שטאַאַטען,
וואודראו ווילסאָן,
וואַשינגטאָן, ד. ק.

אַרום צוויי טויזענד בירגער, מיטגליעדער פון אַרב. רינג, און איבערגעגעבען צו די אינטערעסען פון די אַרבייטער, פערזאַמעלט אין דער סטאַר קאַסינאָ, אין ניו יאָרק, צו אַן 1טער מאַי פייערונג, בעטען אייך זעהר ווייטער פאָרטצוזעצען אייער נאָבעלע אָנשטרענגונגען אין די אינטערעסען פון דעם אונשולדיגען טהאָמאַס מוני, דאָס ער זאָל ענדליך קריגען אַ נייעם און עהרליכען משפּט.

אברהם עפּשטיין, עקזעקוטיוו־טשערמאַן.
דר. ב. האָפמאַן, טשערמאַן פון מיטינג.

דיזעלבע טעלעגראַמע איז אָבגעשיקט געוואָרען צו — האָנאָרייבל טשאַרלז סטעפענס,
גאָווערנאָר פון קאַליפאָרניא סטייט, סאַקראַמענטאָ, קאַליפ.

# די נייע עקזעקוטיווע — איהר ווייטערדיגע ארבייט

י. באסקין.

עס פיהרט זיך אין די פארלאמענטארישע לענדער פון אייראפא, אז ווען א נייער מיניסטעריום טרעט אריין אין אמט פארמולירט ער אמערשטענס זיין פראגראם, וועלכע איז אין אזעלכע פעלע די פראגראם פון דער מעהרהייט פון פארלאמענט, און צייכענט אן אין קורצען, דעם וועג פון דער ווייטערדיגער טעטיגקייט און אויך די אלע רעפארמען, וועלכע ער דענקט פאר נויטיג וואס אמשנעלסטען איינצופיהרען אין לאנד.

די עקזעקוטיוו קאמיטע פון ארבייטער רינג, וועלכע איז אין א געוויסען זין, ענליך צו א מיניסטעריום, וועלכער פערוואלטעט דעם גאנצען ארבייטער רינג, האט נישט דורכצומאכען דיזע פראצעדורע. זי איז ערוועהלט ניט פון א צופעליגער מעהרהייט, וועלכע בילדעט זיך אין פארלאמענט א דאנק פערשיעדענע קאמבינאציעס פון אלערליי סארט גרופען און פארטייען. זי איז ערוועהלט אויף א געוויסען אויסגעארבייטען פראגראם, וועלכע זי אליין קען ניט ענדערען, אדער אומבייטען. זי ווערט ערוועהלט פון די ברייטע מעמבערשיפ אויף א בעשטימטען טערמין אבצוהיטען די יסודות, די גרונד־פרינציפען פון ארבייטער רינג אין זייער פולער מאס און ברייט. און עס ווערט איהר איבערגעגעבען די גרויסע אויפגאבע ניט נאר איינצוהאלטען די אלע געוואונענע פאזיציאנען, נאר אנווענדען אלע איהרע מיטלען, איהר גאנצע קראפט און ענערגיע אויף צו בעארבייטען נייע פעלדער, אריינצודרינגען אין אלע שטעדט און שטעדטלאך, וואו דער ארבייטער דינג האט נאך ביז יעצט קיין צוטריט ניט געהאט. זי דארף, מיט איין ווארט, האבען פאר איהר הויפט־אויפגאבע, צו מאכען דעם ארבייטער דינג שטארקער, רייכער, פעסטער פינאנציעל און איינפלוסרייכער אין געזעלשאפטליכען זין.

און די מעמבערס, וועלכע לויפען אין דער עקזעקוטיווע ווייסען, וואס דער ארבייטער רינג פאדערט פון זיי. זיי בעגרייפען די גאנצע פעראנטווארטליכקייט, וועלכע די מעמבערשיפ לייגט אוועק אויף זיי. זיי ווייסען, אז צו זיין אין דער עקזעקוטיוו קאמיטע פון ארבייטער ריגג הייסט — אבצוריסען צייט פון זיך און פון דער פאמיליע און אוועקגעבען דאס דער ארגאניזאציאן; זיי ווייסען, אז צו זיין א פערוואלטער אין ארבייטער רינג הייסט נ י ט, צו זיין א באס, זאגען א דעה אין אדמיניסטראציאן און דערמיט יוצא זיין. ניין, זיי ווייסען, אז דער וועג פון פערוואלטער פון ארבייטער רינג איז קיינמאל ניט אויסגעבעט געווען מיט רויזען, און איצטער געוויס ניט. זיי ווייסען, אז זיין א יאהר אין דער עקזעקוטיווע הייסט אריינלעגען א געוויסע ארבייט, הייסט אוועקגעבען א טייל פון די אייגענע ענערגיע און צייט, דאס הייסט אז מען מוז קריגען רעזולטאטען, מ'מוז קומען צום קאנווענשאן מיט עפעס ממשותדיגעס. מיט איין ווארט, מען מוז האבען ערפאלג, מען מוז זיין ערפאלגרייך. אט דיזער איינציגער געדאנק האט פערנומען די מחות פון אלע נייע עקזעקוטיוו מעמבערס ביי דער אינסטאליישאן און דיזער געדאנק וועט זיין אריינגעדרונגען אין אלע זייערע בעראטונגען און בעטראכטונגען. און מיט דיזען געדאנק אין קאפ וועלען שוין ממילא אויך שפעטער געפונען ווערען די פאסענדע וועגען און מיטלען דיזען ציעל צו עררייכען. קיין פארטיגע, פאראויסגעארבייטע פראגראמען זיינען ניט נויטיג און זיי קענען ניט דיענען דעם ציעל. מען דארף נאר וויסען וואוהין מען שטרעבט, וואס מען פעדלאנגט און וואס די ברייטע מעמבערשיפ פאדערט.

איינע פון די ערשטע, וויכטיגסטע שריט, וועלכע די עקזעקוטיווע וועט דארפען מאכען, וועט זיין, די לעגאליזירונג פון ארבייטער רינג. די פריהערדיגע עקזעקוטיווע האט אויסגעטראטען דעם וועג. די פראטוירגאל רייטס זיינען איינגעפיהרט געווארען און זיי האבען שוין געהאלפען דעם ארבייטער רינג צו ווערען אזוי פעסט און זיכער, אז לויט דעם לעצטען עסטימייט פון עקטשוערי, שטעהט שוין היינט דער ארבייטער רינג מיט א „וואליואיישאן" פון כמעט 100 פראצענט. דאס איז א שפרונג ביז'ן הימעל, וואס נאר א קרעפטיגער, כוואטסקער יונג מיט ביינער קען מאכען מיט אמאל. און דיזער פאקט גיט די ערשטע מעגליכקייט דעם ארבייטער רינג צו ווערען געזעצליך איבערן גאנצען לאנד. אבער דאס פאדערט ארבייט, דאס פאדערט אנשטרענגונג און די עקזעקוטיווע, וויסענדיג איהרע פערפליכטונגען, וועט זיך זיכער גלייך נעהמען צו דער ארבייט. און דורכפיהרענדיג דיזע ארבייט וועט אויך געשאפען ווערען א מעגליכקייט צו פעראייניגען אלע ראדיקאלע עלעמענטען, וועלכע א דאנק דער אונלעגאליטעט, זיינען זיי געוועזן געצוואונגען אבצוטיילען זיך אין פערשיעדענע ארגאניזאציעס, איינצאמען זיך אין אייגענע ד' אמות, מאכען שבת פאר זיך אליין.

די נייע עקזעקוטיווע וועט אויך מוזען מיט פערדאפעלטע קרעפטען אנפיהרען א ווייטערדיגען מעמבערשיפ קעמפיין. די פריהערדיגע צוויי קעמפיינס זיינען געווען ערפאלגרייך, זיי האבען אויפגעוועקט אלע שיכטען פון ארבייטער רינג צו א גרויסער טעטיגקייט, ניט נאר אויפ'ן געביט פון פערשטארקען די ארגאניזאציאן, גאר אויף אלע געביטען פון געזעלשאפטליכער טעטיגקייט. און מען דארף האפען, אז דיזע ארבייט וועט ווייטער פארטגעזעצט ווערען מיט א פיעלפאכערע ענערגיע. מען דארף נאר ארויסטרעטען מיט'ן פאסענדען לאזונג, מיט אן ענטשפרעכנדען „פאראל", מיט א געוויסען סלאגאן. זאל דיזער לאזונג זיין „70 טויזענד מעמבערס ביז דער נעקסטער קאנווענשאן." ער וועט געפינען אן אבקלאנג אין די הערצער פון דער ברייטער מעמבערשיפ, ער וועט וועקען די מאסען, די ארבייטער רינג מאסען, צו נייע אקטיוויטעט, צו נייע ברייטע טעטיגקייט; ווייל ארבייטענדיג פאר'ן קעמפיין, מוז מען ווערען טעטיג צווישען די מאסען, מוז מען זיך פעראינטערעסירען מיט די גרויסע פראבלעמען, וועלכע דאס לעבען רופט ארויס, מוז מען געבען אן ענטפער אויף די אלע ברענענדע פראגען פון טאג. און דער ארבייטער ריגג האט זיך אימער אבגערופען אויף דיזע פראגען, ער האט אימער געזאגט זיין ווארט, ער האט אימער פערשטאנען די נויטען און די בעדערפנישען פון מאמענט.

אמת, ניט אלעס, וואס ברויזט און רוישט איז א נויטווענדיגקייט. ניט אלע קלינגענדע פראזען זיינען לעבעדיגע טאג־פראגען. מענשען קענען זיך שאפען אן אבגאט און בוקען זיך פאר איהם, שפרינגען קדוש און גלאצען מיט די אויגען, דענקענדיג, אז דאס איז דאס הייליגסטע פון די הייליגע. און די, וועלכע קוקען אויף דעם אנדערש וועט מען אריינווארפען אין חרם און זאגאר אין דעם פייער פון „אויטא־דע־פע". אבער אזעלכע מענשען רופט מען דעמאגאגען. אזעלכע מענשען ווערען ארויפגעווארפען אויף דער אויבערפלעכע פון געזעלשאפטליכען לעבען פונקט ווי די שוים פון ים שווימט ארויף פון אויבען גאך א ברויזענדער כוואליע, וועלכע ווארפט ארויס אויפ'ן ברעג אלע פסולת, וואס זייגען געוועזן בעהאלטען אונטען. דער ארבייטער ריגג, און די טוער פון ארבייטער רינג, דארפען גיט האבען קיין געקינסטעלטע מיטלען אום צו ווארפען זיך אין די אויגען. דער יסוד איז א פעסטער, דער אינסטינקט איז א געזונטער, און דער געזונטער אינסטינקט פון ארבייטער רינג זאגט איהם אימער אונטער, וועלכע זיינען די ריכטיגע אינטערעסען פון די ברייטע מאסען, פאר וועלכע ער, דער ארב.ייטער רינג זאל קעמפפען און פערטיידיגען. און מען דארף האפען, אז די נייע עסזעקו־

טיווע פון ארבייטער רינג וועט זיך אויך אין איהר ווייטערדיגע ארבייט פון יאהר לאָזען זיך פיהרען נור פון דיזען געזונדען אינסטינקט און ניט לאזען זיך פערפיהרען פון שרייענדע פראזען און פון אויפגעפויזטע מליצה. די עקזעקוטיווע וועט אויפנעהמען די אלע פראגען און פראבלעמען פון די אידישע מאסען, וועלכע שטעלען מיט זיך פאר די ווירקליכע אינטערעסען פון דיזע מאסען און זי וויט זיי אויפנעהמען און פעראינטערעסירען זיך מיט זיי אויף וויפיעל די צייט וועט עס פאָדערען, אויף וויפיעל זיי וועלען מיט זיך פארשטעלען די ריכטיגע אָפּשפּיגלונג פון די נויטען און ליידען פון די אידישע מאָסען.

און מעגען זיך לצים וויצלען און קרימען וועגען די „בלינדקייט", „שמאָלקעפּיגקייט", „ניט־אינטעליגענץ" פון די פיהרער פון ארבייטער רינג. מיר פערגינען זיי דעם פערגעניגען פון גאנצען הארצען. לאָזען זיי זיך דערמאָנען קרילאָוו'ס פאבעל וועגען העלפאַנט און דעם קליין־הינטעל און זיי וועלען זייער אנטווארט קריגען. מ'האָט אין רוסלאנד דעם „בונד" אויך קריטיקירט. ס'האָבען זיך געפונען אויך אזעלכע חכמים וואָס האָבען געשריבען, געשריען און געליארעמט, אז דער „בונד" האָט ניט קיין נשמה, דער „בונד" איז טרוקען, דער „בונד" האָט ניט קיין אינטעליגענץ. פונקט אזעלכע אויסגעדראשענע פראזען, ווי מיר הערען זיי איצט. דאָס האָט אָבער נים געשטערט דעם „בונד" צו ווערען דער שטאָלץ פון דער גאנצער ארבייטער בעוועגונג, דער קרוין פון דער אידישער ארבייטער בעוועגונג, פאר וועלכען ס'האָבען געבויגען זייערע קעפּ דער אלטער בעבעל, דער פיעל בעלערנטער קאָוטסקי, זשאָרעס, וואַיאַן און אנדערע זיילען פון דער גאנצער סאָציאליסטישער בעוועגונג.

דער ארבייטער רינג איז געגרינדעט געווארען פון די מאסען, פאר די מאסען און געפיהרט מיט אן אויסגערעכענטער פּאָליטיק, געטריבען פון געזונטען אינסטינקט פון די ברייטע אינטערעסען פון די מאסען. אין דעם ליעגט זיין ערפאלג, אין דעם ליעגט זיין גרויסקייט.

די נייע עקזעקוטיווע טרעט אריין אין אמט אונטער אומשטענדען, וועלכע וועלען פאדערען אויפמערקזאמקייט, אָנשטרענגונג, אינטעליגענץ. זי ווייס איהר אויפגאבע, זי ווייס איהרע פליכטען און זי וועט פיהרען די שיף פון ארבייטער רינג מיט א זיכערע האנד, מיט אן אפענע אויג, זי וועט אויסמיידען אלע אונטערוואסערדיגע שטיינער און שטערנישען אום ארויפצופיהרען דיזע שיף אין דעם ברייטען אָקעאן פון שטורמישען לעבען און פיהרען זי אויף דעם ליכטיגען וועג פון ערפאלג און פארטשריט.

מיר ווינשען זיי א הארציגען „ברוך־הבא!"

## צביון: די באַלעבאַטישע אידישע פּרעסע וועגען א. ר. קאָנווענשאָן

די באַלעבאַטישע אידישע פרעסע איז געבליבען שטארק אונצופריעדען מיט דער קאָנווענשאָן פון ארבייטער רינג. וואָס טויג פאר איהר א פריעדליכע, הארמאָנישע קאָנווענשאָן, וועגען וועלכע מען קען ניט מאכען קיין סענזאציאָנעלע קעפּ, און אָנשרייבען א פּיקאנטע „סטאָרי" וועגען די גענאָסען, אז באַלעבאַטישע לעזער, וועמען מען דארף קיצלען אין די פּאָדעשוועס, פאר זייערע צוויי סענט, זאָל צוגעהן פון הנאה און זיך פּאָסמאָקעווען ווי מען האָט עס די חברה „רויטע" אריינגעריבען?

ניטאָ מעהר די גוטע יאָהרען ווען די מלחמה צווישען די „אלטע" מיט די „יונגע" האָט געגעבען „אינטערעסאנטע" טעמאָס פאר די באַלעבאַטישע פרעסע, צו שמוצען און פארלוימדען דעם ארבייטער רינג. עפּעס פלוצלונג זיינען פארפאלען געוואָרען די גרויסע פּראָבלעמען אין ארבייטער רינג, איבער וועלכע „יונג" און „אלט" האָבען ניט געקנט מושוה ווערען און די מלחמה האָט זיך פון זיך אָפּגעשטעלט. פשוט ניטאָ וועגען וואָס מלחמה צו האלטען.

האָט דאכט זיך גאָט רחמנות געהאט אָנצושיקען א פּראָבלעם, וועגען וועלכע מען קען זיך רייסען און בייסען יאָהרען לאנג און ניט מיעד ווערען. ארץ ישראל—איז דאָס פּראָבלעם. און די באַלעבאַטישע אידישע פרעסע האָט זיך געזאָטעלט, אז די קאָנווענשאָן פון ארבייטער רינג וועט געבען די ריכטיגע „שטאָף". עס איז געווען א זיכערער ממה נפשך: וועט די קאָנווענשאָן פון ארבייטער רינג אָננעהמען א רעזאָלוציע, אז מען דארף פאָהרען קיין ארץ ישראל, וועט מען דאָס א שמיר טון א שטיק נייעס מיט א גרויסען קאָפּ: „ארץ ישראל האָט געזיעגט! די גענאָסען, די אסימילאטאָרען, די שונא ישראל, די פאררעטער האָבען געהאט א ניעדערלאגע! צו זייער איינפלוס אין דער אידישער בעוועגונג איז אין געקומען א סוף. דאָס אידישע פאָלק איז געראטעוועט און פאָהרט אין ארץ ישראל!" און וואָלט די קאָנווענשאָן פון ארבייטער רינג אָנגענומען א רעזאָלוציע, אז ער פאָהרט ניט אין ארץ ישראל, וואָלט געווען נאָך בעסער. דאן וואָלט דער קאָפּ פון דעם שטיק נייעס געווען נאָך גרעסער און נאָך שרייענדער. מען וואָלט געשריבען מיט גרויסע ווערטער: „פארדאט! שונאי ישראל! נאַציאָנאַלע סקעבס! שטערער פון דער אידישער גאולה!" און נאָך דעם וואָלט זיך דער שרייבער צולאָזען אין א געוויין: „ניטאָ קיין פאָלק, קיין אומה אויף דער וועלט, וואָס זאָל האָבען אזעלכע פאררעטערישע, פארברעכערישע, צושטערערישע, משומדים'דיגע א. ז. וו. א. ז. וו." אין דעם זעלביגען איינגעפאָהרענעם אלט־באַקאנטען היסטאָרישען נוסח.

האָט אָבער די קאָנווענשאָן פון ארבייטער רינג גאָר קיין רעזאָלוציע ניט אָנגענומען, און די ארטיקעל און די נייעס־שרייבער פון דער באַלעבאַטישע אידישע פּרעסע זיינען מיט זייער אָנגעגרייטע, איינגעטונקטע פעדערען געבליבען זיצען מבולבל, מיט אן אָפּגענומענעם לשון. נאָר אזוי ווי זידלען מוז מען דאָך, האָט מען זיך א נעהם געטון צו דער „מאשין". די דעלעגאטען פון דער קאָנווענשאָן, הייסט עס, זיינען געווען גרייט איבערצופיהרען דעם ארבייטער רינג אין ארץ ישראל מיט דעם ערשטען שיף, וואָס עס וועט זיך זיי מאכען נאָך דער קאָנווענשאָן, נאָר די „מאשין" האָט ניט געלאָזען. די אלמעכטיגע „מאשין" האָט ניט דערלאָזען, אז די קאָנווענשאָן פון ארבייטער רינג זאָל אָננעהמען אן ארץ ישראל רעזאָלוציע. און פארטיג מיט דער דאָזיגער בעהויפּטונג — וואלאי זידלען!

און קרעדיט דארף געגעבען ווערען וועמען קרעדיט קומט, בעזונדערס דער צייטונג וואָס דער איצטיגער כלומר'שטיגער רעדאקטאָר איז אמאָל געווען א פּרעזידענט פון ארבייטער רינג, וועלכע איז געווען פאָלשטענדיג בעוואוסטזיניג, אז זי שרייבט ליגען. זי האָט געוואוסט, אז יעדעס וואָרט וואָס זי שרייבט אין דעם פּרט איז דורך און דורך ליגען, וואָרים דער קאָרעספּאָנדענט וואָס זי האָט געהאט אויף דער קאָנווענשאָן, באָטש א בעזגראמאָטנער, האָט ער דאָך אויף אזוי פיעל געוואוסט, צו איבערגעבען זיין באלעבאָס, אז צווישען אלע 117 דעלעגאטען פון דער קאָנווענשאָן האָבען די ארץ ישראל אידען מיט גרויס מאטערניש געקענט קוים צונויפקלויבען פיער (4) אונטערשריפטען אויף אן ארץ ישראל רעזאָלוציע, וועלכע מען האָט פאַ זיי פארטיג געמאכט אין ניו יאָרק אויף א שרייב־מאשין. או ווען עס איז געקומען צו וואָס זיינען דיזעלבע פיער ארץ ישראל אידען אליין העכסט צופריעדען געווען, וואָס די קאָנווענשאַ האָט איבערגעלאָזען דעם ארץ ישראל'דיגען קלאסען־קאמפ

פאר די פועלי ציון אין פולער מאנאפאל, ווייל זיי האבען גאנץ גוט געוואוסט, אז אויב דער פועלי ציוניסטישער ארץ ישראל'דיגער קלאסען־קאמפף וואלט געבראכט געווארען פאר דער קאנווענשאן, וואלט ער מיט אזא „פאראד" אפגעשיקט געווארען אין דער ניו יארקער פועלי ציוניסטישער הויפט־קוואטיר, אז עס וואלט איהם פארגאנגען דעם חשק ווען עס איז אנצוקלאפען אין ארבייטער רינג טיר.

יעדער וואס איז געווען אויף דער קאנווענשאן פון ארבייטער רינג האט געוואוסט, אז די שטעלונג פון דער גרויסער מאיאריטעט פון די דעלעגאטען איז געווען אן אויסגעשפראכען געגנערישע צו דעם ציוניסטישען טומעל. און ווען די באלעבאטישע פרעסע, וואלט ווירקליך געהאט די אינטערעסען פון ציוניזם אין זינען, וואלט זי בעדארפט דאנקען די אלטע טוער פון ארבייטער רינג, וואס ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס זיי אליין האבען זעהר ווייניג סימפאטיע מיט דעם ציוניזם, האבען זיי דאך צוריקגעהאלטען די קאנווענשאן פון א געגנערישע רעזאלוציע. און עס דארף ווידערהאלט ווערען, אז קיין אנדערע ווי א געגנערישע רעזאלוציע, האט אויף דער קאנווענשאן ניט געקענט אנגענומען ווערען.

עס מעגען זיין מיינונגס־פארשיעדענהייטען, אויב די טאקטיק פון די אלטע טוער איז געווען א גערעכטע. דער שרייבער פון דיזע צייליען איז מיט דער דאזיגער טאקטיג ניט איינשטימיג, אבער דער פאקט איז א קלארער און א בעוואוסטער, אז די קאנווענשאן פון ארבייטער רינג האט אויסגעלאזען די ארץ ישראל פראגע, ניט צוליעב מורא, אז א פיינדליבע רעזאלוציע פאר'ן ציוניזם זאל אנגענומען ווערען — אזוינס איז געווען פאלשטענדיג אויסגעשלאסען — נאר ווייל עס האט געזיעגט די מיינונג פון די, וועלבע האבען געזאגט, אז עס איז נ י ש ט די אויפגאבע פון ארב. רינג זיך צו פארנעהמען מיט דער ארץ ישראל פראגע און אננעהמען וועגען איהר רעזאלוציעס.

די באלעבאטישע פרעסע האט עס געוואוסט אויסגעצייבענט. נאר עס האנדעלט זיך ניט ביי איהר וועגען די אינטערעסען פון ציוניזם, נאר וועגען שמוצען און פארלוימדען דעם ארבייטער רינג, די סאציאליסטישע פארטיי און די אידישע ארבייטער בעוועגונג אין אלגעמיין, און פאר דעם צוועק זאגט זי זיך ניט אפ פון בעוואוסטזיניגע, געמיינע ליגענס.

זאל דאס פארצייבענט ווערען.

# נפתלי: קאנווענשאן נאכוועהענישען (פעליטאן.)

א טרוקענע קאנווענשאן־שטאדט. — און נאסע מקוה רעפארטס. — אמאל און היינט. — א פראגע וואס פלאגטערט זיך אונטער די פיס ביי דריי קאמיטעס. — דעם דזשענעראל סעקרעטער'ס „האלסייל רעפארט". — פראטאקאלען מיט היינץ'ס 57 ווערויעטיעס. — א סטראטעגישע נשמה יתירה מיט בלעכלאך. — „כמעט א קאונטרי דעלעגאט" וואס פארקריכט אין טשיקען פארם. — ווי אזוי דער קאנווענשאן מאכט אן אפעראציע אויף א געדרוקטען פסוק. — א קאמיטע אהן אשטאך מלאכה. — אפגעשניטענע רעפארטס און דורכגעפאלענע טשערלייט.

די וואס האבען פאראויסגעזאגט, אז די אכצעהנטע קאנווענשאן וועט זיין א „טרוקענע" האבען עס, ווי עס ווייזט אויס, גאר קיין טעות ניט געמאכט.

פיטסבורג, די פארהארטעוועטע שטאדט פון אייזען, שטאהל, קוילען און רויך, האט שוין אזא טבע, אלעס טרוקענט ביי איהר, און ממילא האט שוין דער קאנווענשאן אונזערער אויך געמוזט ארויסקומען א „טרוקענער"...

ס'איז אפילו אמת, אז ניט אלעס האט דארט אזוי שטארק געטרוקענט, ווי ווייט מיר ווייסען, זיינען ביי די דעלעגאטען די העלזער ניט פארטרוקענט געווארען... דורך דער גאנצער צייט האט זיך אפילו קיין איין הייזעריגער שטימע ניט געהערט, און דאך מעהר: די געדרוקטע רעפארט פון די קאמיטעס וואס זיינען אין „פריינד" ארויסגעקומען אזוי טרוקען, זיינען זיי אבער ביים קאנווענשאן פון מאנכע מינדליכע בעריכט־אפגעבער ארויסגעקומען גאנץ פייבט, זאגאר נאס און אויסגעווייקט ווי פון מקוה ארויס...

און דאך האלטען מיר זיך פעסט ביי יענער מיינונג, אז די קאנווענשאן איז פארט געווען א „טרוקענע".

און אז אונזער מיינונג איז א בעגרינדעטע וועלען אויף עס מעיד זיין אלע אלטע „הינער־פרעסער" וואס האבען שוין דערלעגירט צו א שעהן ביסעל פון אונזערע קאנווענשאנס, און האבען דארט זייערע ציין אויפגעפרעסען...

אדרבה, זאלען זיי אנצייגען ביי וועלכע קאנווענשאן האבען אונזערע קאמיטעס נאך אזוי טרוקען אפגעשניטען, ווי ביי דער היינטיגער?

ווער געדענקט ניט וואס אמאל פלעגט זיך אפטאן ביי א קאנווענשאן נאכדעם ווי איינער פלעגט פארטיג ווערען מיט אפגעבען „זיין" רעפארט?

די פלאטפארמע איז פשוט פארפלייצט געווארען מיט א מבול פון שטיקלאך פאפיער מיט נעמען פון דעלעגאטען וואס האבען זיך געמאלדען פאר אינטערפעלאציעס, און א חוץ דעם, וואס דער בעריכט־אפגעבער פלעגט פון אלע זייטען „באמבארדירט" ווערען מיט שווערע פארפלאנטערטע פראגען, וואס האבען מיט זיין רעפארט איבערהויפט קיין שייכות ניט געהאט, פלעגט ער נאך ארייננכאפען א היפשע פארציע „מארדע רייבעניש" און ס'האט פשוט געשניטען ביים הארץ צוצוקוקען ווי א מענש מאטערט זיך מיט אלע בחות און קען זיך ניט אדויסדרעהען, אן אמת'ער צער בעל החיים.

וואס זעהען מיר אבער היינט?

גאר ניט, דריי פארשיעדענע קאמיטעס גיבען אפ דערפארטס. דאכט זיך, יעדער קאמיטע האט זיך איהרע בעשטימטע „פונקציאנען, מיסיאנען און טראדיציאנען". און ווי אויף צו להבעים, ריידען אלע דריי וועגען איינע און די זעלבע פראגע און איינער איז סותר דעם אנדערען...

די גריוועונס קאמיטע, צום ביישפיעל, וואס האט דעם גאנצען יאהר געהאנדעלט מיט מעהר יושר ווי מיט קאנסטיטושאן, רעפארטעט וועגען אן אוידיטינג דעפארטמענט וואס בעלאנגט גאר, על פי שכל, צו דער אפיס קאמיטע. די אפיס קאמיטע רעפארטעט וועגען די געדרעפטעטע מעמבערס און ווידער אמאל וועגען אוידיטינג דעפארטמענט, קומט נאכהער די ארגאניזאציאנס קאמיטע און דערצעהלט, אז די פראגע פון די געדרעפטעטע מעמבערס האט זיי געהאלטען ביזי א גאנצען יאהר און האבען דאריבער זיך ניט געקענט אין גאנצען אפגעבען מיט דעם מעמבערשיפ קאמפיין.

איז דאך שוין גוט, הא? קומט ערשט דער „ראש־וראשון" פון אלע קאמיטעס, און אויף זיין שטייגער, וויקעלט ער פאנאנדער אלע פראגען אויפ'ס ניי און ברענגט גאר ארויס גאנץ אנדערע פאקטען וועגען מעמבערשיפ קאמפיין און וועגען די געדרעפטעטע מעמבערס.

און ואחר בבלות הבל רוקט זיך אונטער דער דזשענעראל סעקרעטער, מישט צוזאמען אלעס אין „האלסייל", געהט דורך דעם גאנצען מעמבערשיפ קאמפיין, פארטשעפעט זיך און די געדרעפטעטע מעמבערס און פאלט אויך אריין אין אוידיטינג דעפארטמענט, און דערביי בעווייזט ער מיט סטאטיסטישע ציפערען, אז דאס וואס די פריהעריגע דריי האבען געזאגט איז פאלשטענדיג ריכטיג...

און די דעלעגאטען ? גאר ניט, ווי ניט זיי מיינט מען דאס, זיצען און הערען זיך איין (ניט אלע זיצען און ניט אלע הערען), און זיינען צופריעדען דאמיט וואס דער טשערמאן ערקלערט זיי, אז דיזע רעפארטס ווערען איבערגעגעבען צו דער „קאמיטע אן אפיסערס רעפארטס", און זיי אליין וועלען זיך דאמיט ניט דארפען באדערען...

מילא, מיט די דעלעגאטען קען מען נאך ווי עס איז אויסקומען, אבער אויף די סעקרעטערע פון רער קאנווענשאן איז נעבאך א גרויסער רחמנות, ווי אזוי זיי וועלען זיך פאנאנדערקלייבען אין זייערע פראטאקאלען מיט דיזען קאמבינייטשאן־רעפארט, וואס איז כמעט עהנליך צו „היינץ'ס 57 ווארייעטיעס", ווייס איין גאט אין הימעל...

און וואס מיינט איהר איז געווען מיט דעם רעפארט פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע ? אויך כמעט דאס זעלבע. ווי עס ווייזט אויס האט דער בעריכט ערשטאטער פאר דיזע קאמיטע דערפיהלט, אז זיין רעפארט וועט פון די קאונטרי דעלעגאטען בעגעגענט ווערען מיט א שטארקער „אפענסיווע", האט ער גלייך פארדרעהט דעם רישעל און געמאכט א זעהר סטראטעגישען צוג, דערמיט וואס ער האט געגעבען די דעלעגאטען צו פארשטעהן, אז די עדיוקיישאנאל קאמיטע דארף ניט בעטראכט ווערען אלס די „נשמה יתרה" פון ארבייטער רינג, און אז אין „פריינד" דעפארטמענט ווערט יעדער מעמבער פארוואנדעלט אין אן ארדעסען־בלעכעל.

נו, פארשטעהט איהר דאך שוין אליין אז קיינער האט שוין ניט געהאט דעם מוט זיך אנצוהייבען מיט אזא הייליגער זאך ווי א „נשמה יתרה" — און ווער וועט זיך עס גלאט געהען איינרייסען מיט צוויי און זעכציג טויזענד בלעכליך ?...

פאר וואס די סאניטאריום קאמיטע האט אזוי גלאט און טרוקען אפגעשניטען איז טאקי א וואונדער, ס'קען זיין, אז דאס איז געווען דערפאר וואס איהר רעפארט איז אפשר געווען דער בעסטער פון די „עשרה מכות". אבער ווי די זאך זאל ניט זיין, זיינען די דעלעגאטען פשוט בעגאנגען אן עולה דאמיט וואס זיי האבען פון זייערע הענד ארויסגעלאזט אזא טייערען „קלאנדייק". ווען און וואו נאך קען מען עס אזוי גוט נעהמען „אויפ'ן בענקעל" די סאניטאריום קאמיטע ווי ביי א קאנווענשאן ?

עפעס איינער „כמעט א קאונטרי דעלעגאט" האט זיך יא א נעהם געטון פאר דער מלאכה, מיט א געדרוקטע טאבעלע אין האנד האט ער שיעור ניט בעוויזען, אז די טשיקען־פארם פון דיזען יאהר האט אונטער דער אויפזיכט פון דיזער קאמיטע א סך וועניגער אייער פראדוצירט ווי די פון ־לעצטען יאהר... און ס'האט שוין געהאלטען דאביי, אז דער קאנווענשאן זאל האלטען די סאניטאריום קאמיטע פאראנטווארטליך פאר דיזען מיסערפאלג, און איהר אפשר גאר טאדלען...

האט אבער דער זעלבער דעלעגאט גענומען קריכען נאך ווייטער, און האט מיט זיינע פראגען ארומגעבלאנדזשעט אזוי לאנג ביז ער איז פארקראכען אין „אלף חשישי" אריין און דער גאנצער עסק איז איבערגעפיהרט געווארען...

נור ערגער פון אלעמען האט אבגעשניטען די בענעפיט קאמיטע.

א מארנע זאך מיט איהר, דאכט זיך א גאנץ יאהר טשעפעט זי ניט אפילו א פליג אויפ'ן וואנד, זיצט זיך דוהיג אין אפיס און קוקט דורך אלע סערטיפיקייטס, און כאטש זי קומט אין בעריהרונג מיט אלערליי קראנקהייטען, פון דעסטוועגען צאהלט זי פארט אויס די בענעפיטס פינקטליך און רעגעלמעסיג. דאכט זיך וואס־זשע נאך קען מען האבען צו איהר ?

קומט זי אבער איינמאל אין יאהר צו א קאנווענשאן גיסט מען אויף איהר אויס די גאנצע תוכחה, מען פאדערט פון איהר דין וחשבון, מען פארווארפט איהר מיט אזעלכע שווערע און האמאטנע פראגען וועגען ווענערישע און געשלעכטס־קראנקהייטען, אז ס'כאפט איהר אזש אן צו שווינדלען אין קאפ, און זי מוז אנקומען צום מעדיקאל אדווייזארי באארד נאך היל־

פע... און טאמער איז נאך דאס וועניג, בעשליסט ערשט די קאנווענשאן צו מאכען אן „אפעראציע" אויף דעם געדרוקטען רעפארט פון דער בענעפיט קאמיטע, און אהן טענות־ומענות שניידט מען ביי איהר ארויס א גאנצען פסוק...

נור פאר דיזער „אפעראציע" האט זי שוין צו פארדאנקען דער „קאמיטע אן אפיסערס רעפארטס" דאס איז אזא קאמיטע וואס האט זיך ארומגעדרעהט ביים קאנווענשאן אהן א שטאך מלאכה. זי האט שוין דורכגעטאפט און דורכגעזיפט די רעפארטס פון אלע קאמיטעס, געזוכט מיט ליכט עפעס א פגימה'לע אויף א רעפארט כדי זי זאל כאטש האבען וואס צו בעריכטען, האט איהר גאט צוגעשיקט עפעס א פסוק אין דעם רעפארט פון דער בענעפיט קאמיטע און זי האט זיך אן דעם אנגעכאפט ווי אן אן אבן־טוב, און האט בעפוילען די קאנווענשאן צו שניידען און מען האט געשניטען...

וועמען דען זאל מען שניידען, אז ניט דער בענעפיט קאמיטע ?,,

נור אז מיר רעדען שוין יא וועגען שניידען איז כדאי אנצוווייזען אויף א מורא־דיגען פעהלער, וואס די קאנווענשאן האט געמאכט.

ווען דער קאנווענשאן וואלט זיך באלד פון אנפאנג גענומען צו דער „שניידעריי" מלאכה און וואלט לכתחילה בעשלאסען אויסצושניידען די מינדליכע רעפארטס פון אלע קאמיטעס, אפילו די רעפארטס פון נאציאנאלען טשערמאן און סעקרעטער, וואלטען מיר דאביי זעהר פיעל פראפיטירט. אמת, מיר וואלטען דאביי טאקע עפעס פארלוירען אויך, ס'וואלט אבער געווען „יצא שכרה בהפסדה" דער קאנווענשאן וואלט זיך ערשטענס פיעל פריהער געשלאסען, וואס דאס אליין איז שוין א גרויסער געווינס, און אויסער דעם וואס דאס וואלט דעם קאנווענשאן פאנד איינגעשפארט א שעהנע מטבעה, וואלטען מיר דאביי נאך עפעס געהאט. מיר רעכענען אז אם וועניגסטענס א גאנצער מנין דעלעגאטען וואלטען פארלוירען די געלעגענהייט דורכצופאלען אלס טשערלייטע און וויים־טשערלייטע...

און אפשר איז דאס גאר ניט אזא גרויסער פעהלער ? ווייל צוריקשמועס'ענדיג, וואס'זשע וואלט אייגענטליך געווארען מיט די אידען וואס האבען דורך דעם יא געהאט די זכיה צו ווערען טשערלייטע ? ס'איז עפעס אזוי לייכט צו ווערען א טשערמאן פון א קאנווענשאן זיצונג ?

## טשיקען פארם אקאונט.

| | | | |
|---|---|---|---|
| בילדינגס ביז יאנואר 1, 1918 — — — — — — | —— | —— | $3,286.70 |
| אינקיובייטארס, אויוועגס, א. ד. ג. — — — — — — | —— | —— | 665.97 |
| **אויסגאבען:** | | | |
| סאלאריעס — — — — | $350.00 | $1,777.46 | |
| סופלייעס — — — — | 70.84 | 125.22 | |
| שפייז פאר די טשיקענס — | 884.15 | 5,449.73 | |
| קויהלען — — — — — — | 18.20 | —— | |
| זעטשינג עגס — — — — | 132.00 | 209.59 | |
| טאטאל | 1,899.69 | 7,562.00 | |
| **איינגאהמע:** | | | |
| פון אייער — — — — — — | $546.07 | $6,121.27 | |
| פון טשיקענס — — — | 550.19 | 1,215.59 | |
| טאטאל | $1,096.26 | $7,336.86 | |
| רעסיט — — — — — — | $303.43 | $225.14 | $528.57 |

# וועגען חלומות

דר. ז. לעווין:

נאָך א שווערען ארבייטס־טאָג, איבערפילט מיט אלערליי לעבענס איינדריקען, זוכט יעדער מענש אָברוה אינ׳ם שלאָף, דער שלאָף דערפרישט, דער שלאָף בענייט די כוחות פונ׳ם קערפער און פון דער נשמה.

נור נישט אלע מאָל געפינען מיר אזא אָברוה. אונזערע שלאָף־שטונדען ווערען אמאָל פול מיט שרעקליכע, פינסטערע חלומות, וועלכע האָבען אפט קיין שום שייכות ניט צו אונזער וואכענדיגען לעבען. גאנץ אָפט וואכען מיר אויף פון א שווערען קאָשמארען חלום. מיט זיינען אפטמאָל פערוואונדערט, אפילו איבערראשט און זוכען פון וואנען האָט זיך דער חלום גענומען, וואס פאר א שייכות האָט ער צו דער ווירקליכקייט, און קאָנען עס בשום אופן ניט פערשטעהן.

אין אמאָליגע אלטע צייטען האָבען חלומות געהאט א ספעציפישע מיסטישע בעדייטונג אין די אויגען פונ׳ם מענשען. ביים פאָלק איז דאָס אזוי פערבליבען ביז׳ן היינטיגען טאָג. אָבער אינטעליגענטע מענשען, וועלכע גלויבען אין דעם נישט, מוזען אויך אמאָל, ווילענדיג ניט ווילענדיג, פערטראכטען זיך וועגען דעם אָקאָרשט איבערגעלעבטען חלום.

מיין אויפגאבע איז אביסעל בעלייכטען די דאָזיגע ערשיינונג און געבען די ערקלעהרונג, וועלכע עקזיסטירט יעצט אין דער וויסענשאפט.

דער צענטער, וואו אלע אונזערע איינגענשאפטען קומען זיך צוזאמען און ווערען אָבגעשטעמפעלט — איז דער מארך, וועלכער געפינט זיך אין קאפ. דער מארך איז ענהליך צו א פיינפיהלענדער פאָטאָגראפישער פלאטע, אויף וועלכער ס׳פיקסירען זיך, אונטער דער ווירקונג פון די זון־שטראהלען, אלערליי געשטאלטען און בילדער. בשעת מיר וואכען, קענען מיר דורך אונזער ווילען ארויסרופען דאָס אָדער יענעם פריהער געזעהענע בילד אדער איבערגעלעבטע ערשיינונג. מיר קענען דורך א פראצעס פון פערגלייכונג ארויסרופען אין אונזער פאנטאזיע אפילו אזעלכע זאכען, וועלכע מיר האָבען נישט געזעהען, אזעלכע ערשיינונגען, וועלכע מיר האָבען נישט איבערגעלעבט. מיר קענען זיך צום ביישפיעל פארשטעלען אונזער הויז, אונזערע בעקאנטע, אדער דאָס וואס קומט יעצט פאר ערגיץ־וואו, נישט האָבענדיג דאָס פאר די אויגען.

בשעת מיר שלאָפען, ארבייט אונזער ווילען ניט. עס איז ניטאָ קיין קאָנטראָל איבער דער טהעטיגקייט פון אונזער מארך. אונזער בעוואוסטזיין שלאָפט. נור אונזערע ארגאנען זעצען פארט זייער געוועהנליכען לעבענסגאנג, און די עמפפינדונגען, וועלכע מיר לעבען איבער בשעת אונזער שלאָף, קענען אָהן אונזער ווילען אויפוועקען אין אונזער מארך פערשיעדענע בילדער און פארשטעלונגען.

כדי מיר זאָלען דאָס קענען פערשטעהען, מוזען מיר זיך אָבשטעלען אביסעל אויף דער ארבייט פון דער נערווען־סיסטעם.

דער מארך אין קאָפּ איז דער צענטער, וואו אלע אונזערע איינדריקען ווערען צוזאמענגעקליעבען און וועלכער רעגירט מיט אונזערע בעוועגונגען. אינ׳ם קאָפּמארך קומען זיך צונויף אלע פיהלענדע נערוועען, וואס געהען פון יעדען טהייל פון קערפער — למשל, פונ׳ם אויג, פון אויער, פון דער גאנצער הויט. זיי ברייננגען אין מארך אונזערע עמפפינדונגען: זעהעמפפינדונגען, הער־עמפפינדונגען, טעמפעראטור־עמפפינדונגען. אלץ וואס מיר זעהען, הערען, טאפען, פיהלען מיט אונזער הויט א. ז. וו. ווערט דורך די ענטשפרעכענדע נערווען געבראכט צום מארך. פון דער אנדער זייט געהען פון מארך ארויס די בעוועגענדע נערווען, וואס געהען צו אונזערע אברים און רופען ארויס אלערליי בעוועגונגען. דער מארך שיקט א בעפעהל דער האנד, זי זאָל זיך הויבען, דעם אויג, עס זאָל זיך צוקוקען, דעם פוס, ער זאָל געהן, דער צונג, זי זאָל זיך בעוועגען און רעדען. די בעפעהלען שיקט דער מארך דורך די בעוועגענדע נערווען.

מיר וועלען דאָס בעסער פערשטעהן, ווען מיר וועלען פערגלייכען אונזער נערווען סיסטעם מיט׳ן טעלעגראף, וואו די צענטראלע סטאנציע איז דער קאָפּ־מארך און די נערווען זיינען די דראָטען, וועלכע פיהרען צו פון מארך אין אלערליי שטעדט און שטעדטלעך — די טהיילען פון קערפער.

נור אזוי ווי עס איז אונמעגליך, אז פעטראגראד צום ביישפיעל, זאָל זיין טעלעגראפיש פערבונדען ד י ר ע ק ט מיט אלערליי פלעצער פון רוסלאנד און אויסלאנד, אזוי איז אויך אונמעגליך, אז יעדער טהייל פון קערפער זאָל זיין דירעקט פערבונדען מיט׳ן קאָפּ־מארך. ווי דאָ, אזוי דאָרטען עקזיסטירען צווישען־סטאנציעס, וועלכע פערבינדען א דערווייטערטע שטאָדט מיט׳ן צענטער. אינ׳ם טעלעגראף פון אונזען קערפער איז אויך פאראן אזא סיסטעם פון צווישען־סטאנציעס דאָס איז אונזער רוקען־מארך. די הין און צוריק־לויפענדע נערוועען פערענדיגען זיך אין קליינע מיקראסקאָפּישע עקלעך, וועלכע געפינען זיך אין בעריהרונג, קאָנטאקט מיט די עקלעך פון די נערווען, וועלכע געהען דירעקט צום צענטער אינ׳ם קאָפּ מארך.

מען רעכענט, אז אין דער צייט פון שלאָף, כדי דער מארך זאָל זיין בעפרייט פון אלע אויסענוועניגסטע ערשיינונגען, אויף וועלכע ער מוז רעאגירען, ווערט דער דאָזיגער קאָנטאקט צייטווייליג איבערגעריסען אָבער די עקלעך פון די נערוועען זיינען אזוי נאָהענט איינע צו די אנדערע, אז עס קען אָפט פארקומען אזא זאך: א געוויסער טייל פון אונזער קערפער פיהלט, בשעת מיר שלאָפען א געוויסע אויפרעגונג. עס ווערט איהם קאלט, עס טהוט וועה, עס ברענט, עס קוועטשט. און די דאָזיגע אויפרעגונג קען אריבערשפרינגען דעם אָבהאלט און אוועקגעהן מיט אן אנדער וועג, דורך אן אנדער נערוו און אויפוועקען א וועלכען ניט איז מארך־צענטער. אזוי קומט פאר אויך ביים טעלעפאָנירען: איהר נעהמט אראפ דאָס רעהרעל און הערט זיך צו איידער מען האָט אייך נאָר פערבונדען מיט דעם זייטיגען פלאץ. דאמאָלס קענט איהר הערען צוזאמען מיט דייטליכע פראזען אויך א מישמאש פון אלערליי פראזען פון פערשיעדענע פרעמדע געשפרעכען. דאָס זעלבע קומט פאר אויך ביים מארך, און עס ווערען דאָרט אויפגעוועקט צוזאמען מיט מעגליכע ערשיינונגען אויך אזעלכע, וואס נישט געשטויגען, נישט געפלויגען.

למשל, עס האָט זיך ביי אונז אָבגערעקט אין שלאָף א

פוס און פרירט; אדער ס׳ווערט אונז היים פון א צו ווארי־מער דעקע, אדער דער מאָגען איז איבערפילט, די שפייז איז ניט פערדייט און „שטעהט אונטערן הארצען”; אָדער מיר האל־טען די האנד אויפ׳ן ברוסט און פיהלען א דרוק; מיר ליגען שלעכט און דעריבער הויבט אן צו וועהטאָן אן אבר. אזא מין עמפפינדונג קען אריבערשפרינגען דעם נערוואָבהאַלט אין אן אַנדער צענטער און אויפוועקען א פלאַץ אין מאַרך, וואו עס א ז פערבליבען אן איינדרוק פון דעם, וואס מיר האָבען אין דעם טאָג געהערט, דאָס געפיהל פון אונאנגענעהמליכקייט, וואס אונ־זער קערפער לעבט איצט איבער אין שלאָף, פערבינדט זיך מיט דעם אויפגעוועקטען בילד אינ׳ם מארך און וועבט זיך צוזאמען אין איין „שלעכטען חלום”. א שוואכער גערויש, צום ביישפיעל, קען אונז גופט געבען דאָס בילד פון שיסע־רייי, שרעקליכע געשרייען, פון א פאָגראם. א שלעכטע פער־דייאונג אָדער הענד וואס דריקען דאָס הארץ, קענען זיך אָפּ־שפיגלען אין אזא מין חלום: עס דוכט זיך אונז, מיר ענטלוי־פען פון א סכנה, לויפען און בלייבען באלד אָן אָטהעם לוי־פענדיג. אָדער עס דוכט זיך אונז: באלד קומט אָן דער טויט. אן אָבגעלעגענער אדער צוגעדריקטער אבר, וואו דער בלוט־גאנג איז געשטערט, קען אונז געבען א בילד, אז מ׳וויל עס ביי אונז אָפּשניידען. א גוטע פערדייאונג און אַ פאָלקאָמענער בלוט־גאַנג אין גאַנצען קערפער בעשאפט אין אונז אנגענעהמע עמפפינדונגען און זיי קענען אויפוועקען אין מארך גליקליכע בילדער אין צוזאמענהאנג מיט דעם, וועלכער מארך־צענטער איז מעהר געשפייזט געווען מיט בלוט און פריש געווען מיט אי־בערלעבונגען.

# נאך דער אטאקע...

י. ב. ביילין:

מאַי-ליעד 1918

דו קוקסט מיין פריינד פאַרצווייפעלט.
דיין אויג זוכט און רעוואָלטירט...
דו האָסט ערווארט די פלעכע
מיט גרינס זאָל זיין באַציערט...

דו האָסט ערוואַרט די בוימער
אין בליהונג און אין פראַכט,
אַ טיעפען בלאָען הימעל,
פאַר׳חלום׳ט און פאַרטראַכט...

דו האָסט ערוואַרט די מענשען
מיט פריהלינגס פרייד אין ברוסט —
און אויגען פול מיט ליעבע,
און הערצער פול מיט לוסט...

דו קוקסט, מיין פריינד, פערוואונדערט,
דו גלויבסט די אויגען נישט —
די שעהנע מאַי-קאָלירען
זיי זיינען גאָר פאַרמישט...

די ערד אין רויט געטונקען,
דער הימעל, ווי צונטער גליהט;
ווי שוואַרצע גלאָוונעס ס׳שטעהען
די בוימער, וואָס האָבען געבליהט.

רויך און שטויב אין דער לופטען,
אַש און בלוט אויף דער ערד:
עס ליגען צוזאַמען פאַרקנוילט
מענשען, און רייטער, און פערד...

צוזאַמען זיי צוקען אין גסיסה,
און ס׳מישען זיך פאַרבען פון גרויל:
אַ האַנד שטרעקט זיך דאָרט צום הימעל,
דאָ קרימט זיך פון קללות א מויל...

עס בליצט דאָרטען אויף א צלם,
דאָ דריגעט אַ פוס פון אַ פערד...
אַ שרעקליכער „שמע ישראל!”
פאַרציטערט די הימלען און ערד...

דו קוקסט, מיין פריינד פאַרווילדעט,
דאָס האַרץ איז דיר שווער, ווי בליי —
און הילפלאָז דו זוכסט מיט דיין אויג,
דעם פריהלינג, דעם שעהנעם, דעם מאַי...

# אפיציעלע אפטיילונג

## אפיציעלע פראטאקאלען פון דער 18-טער קאנווענשאָן אין פיטסבורג, פא.

5-טען — 11-טען מאַי, 1918

זונטאג, דעם 5טען מאַי, 2 אוהר נאָכמיטאג, ווערט ערעפענט די קאָנווענשאָן אין לייסעאום טעאטער, פיטסבורג, פא.

פר. גורקין, טשערמאַן פון דער קאָנווענשאָן אראנזשמענטס קאָמיטע, ע. עפענט די קאָנווענשאָן. ער ערקלעהרט, דאָס דיעזען יאָהר ווערט די קאָנווענשאָן ערעפענט אונטער גאנץ אַנדערע אומשטענדען ווי די פריהעריגע קאָנווענשאָנס. וועהרענד אין די פריהערדיגע יאָהרען זיינען אלע אונזערע מעמבערס, מיט דער אויסנאהמע פון די, וועלכע זיינען אין פערלויף פון יאָהר געשטאָרבען, געוועזען מיט אונז, אויב ניט צו דער קאָנווענשאָן אָבער איבערן לאנד אין די פערשידענע שטעדט און שטעדטלעך, זיינען היינט פיעלע הונדערטער און טויזענדער מעמבערס פון אונזערע רייהען אויף יענער זייט ים, אין די טרענטשעס און אויף די שלאַכט פעלדער, און איך בין זיכער דאָס זאָגאר זייענדיג דאָרט ווייסען זיי, דאָס אין דיעזען מאָמענט ווערט געהאלטען די קאָנווענשאָן פון זייער אָרגאַניזאציאָן און זיי שיקען אונז זייער גרוס, און מיר, פון אונזער זייט, שיקען זיי אונזער בעגריסונג און דעם וואונש דאָס קומענדען יאָהר זאָלען זיי ווידער צוריק זיין אין אונזערע רייהען. ער פערזיכערט, דאָס די אראנדזשמענטס פון די פיטסבורגער פריינד זיינען די בעסטע וואָס מען קאָן ערווארטען, און האָפט דארום, דאָס די פערהאנדלונגען ביי דיעזער קאָנווענשאָן, וועלכע פאלט אוים דעם זעלבען טאָג ווען עס ווערט געפייערט דער יובילעאום פון אונזער גרויסען און אונשטערבליכען לעהרער קארל מארקס, וועלען געפיהרט ווערען אין אזא גייסט דאָס די קאָנווענשאָן זאָל זיין א לעבעדיגער מאָנומענט פאר אונזער גרויסען לעהרער. ער שטעלט דאָן פאָר דעם טשערמאַן פון דער נאציאָנאלער עקז. קאָמיטע, פר. אב. עפשטיין.

פר. עפשטיין עפענט די קאָנווענשאָן אָפיציעל און אין נאָמען פון דער עקזעקוטיווע און פון דער אלגעמיינער מעמבערשיפ, בעגריסט ער די דעלעגאַטען און גיט זיי א הארצליכען ווילקאָמען.

יעדע יאָהר, ערקלעהרט פר. עפשטיין, עפענען מיר די קאָנווענשאָן דעם 1טען מאַי, דעם טאָג וועלכער איז פראָקלאמירט געוואָרען אלס אינטערנאציאָנאלער יום טוב פאר די ארבייטער פון דער וועלט, און דיעזען יאָהר האָבען מיר בעשלאָסען צו עפענען די קאָנווענשאָן אין דעם טאָג ווען עס פאלט אוים דער געבורטסטאָג פון דעם גרויסען סאָציאַלען דיינקער קארל מארקס, וועלכער האָט פראָקלאמירט דעם לאָזונג, „ארבייטער פון אלע לענדער פאראייניגט אייך!„

אונטער אויסערגעוועהנליכע אומשטענדען קומט אונז אוים היינט צו ערעפענען די קאָנווענשאָן. וועהרענד לעצטען יאָהר האָבען מיר געקאָנט אָנצייגען מיט שטאָלץ אויף נייע און נייע פּאָזיציאָנען וועלכע מיר האָבען ערָאָבערט; אויף נייע 10 טויזענד מעמבערס וועלכע מיר האָבען אין אונזערע רייהען אריינגענומען, קאָנען מיר ליידער דאָס דיעזען יאָהר ניט אָנצייגען. ניט אלע מאָל אָבער ווערען געלויבט גענעראַלען און סטראַטעגיקער בלויז פאר נייע ערָאָבערונגען, נאָר מאַנכעס מאָל ווערען זיי געלויבט פאר אָנהאלטען געוואונענע פּאָזיציעס.. און די שרעקליכע אומשטענדען דיעזען יאָהר **זיינען** געוועזען אזעלכע, דאָס אונזערע גענעראלען קאָנען ניט **געלויבט** ווערען פאר נייע פּאָזיציאָנען, זיי קאָנען אָבער געלויבט **ווערען** פאר אָנהאלטען די פריהערדיגע געוואונענע פּאָזיציעס.. וועהרענד אלע אָרדענס פון גאנצען לאנד האָבען דיעזען יאָהר פערלארען מעמבערס, האָבען מיר ניט נאָר ניט פערלאָרען, נאָר נאָך געוואונען טויזענד נייע מעמבערס.

און אויב אין צוואוואוקס פון נייע מעמבערס קאָנען מיר ניט באווייזען קיין צו גרויסען סוקסעס, קאָנען מיר אָבער אויף דעם פעלד פון געזעלשאַפטליכע טעטיגקייט אָנצייגען אויף גרויסע אויפטוהונגען. אונזער ארבייט פאר די מלחמה קרבנות האָט צו זיך קיין פארגלייך צווישען די אנדערע אידישע אָרדענס דאָ אין אמעריקא. עס איז גענוג געוועזען די עקזע. קטיווע זאָל ארויסלאָזען א רוף צו די מעמבערס פאר נייע 25 טויזענד דאָלאר, און ביי יעצטיגען מאָמענט זיינען שוין 20 טויזענד דאָלאר אריינגעקומען און די איבריגע 5 טויזענד דאָלאר וועלען זיכער אויך באלד אריינקומען. דער ארב. רינג האָט שוין פאר זיין עקזיסטענץ דורכגעמאכט דריי פעריאָדען. די ערשטע צייט פון זיין געבורטס טאָג, די פעריאדע פון איגנאָרירען; קיינער האָט זיך מיט'ן ארב. רינג ניט געוואָלט רעכענען. די צווייטע פעריאדע איז געוועזען די קריטיק פעריאדע, ווען מען האָט אָנגעפאנגען דעם ארב. רינג צו קריטיקירען; און יעצט איז שוין געקומען די צייט ווען מען האָט אָנגעפאנגען דעם ארב. רינג צו רעספּעקטירען און זיך מיט איהם רעכענען. דער ארב. רינג שפּיעלט יעצט א גרויסע ראָלע אין דער אלגעמיינער בעוועגונג און וועט נאָך א גרעסערע ראָלע שפּיעלען אין דער צוקונפט. און אונזער ערפאָלג האָבען מיר צו פערדאנקען אונזער איינינקייט. עס מאכט ניט אוים, וואס מיינונגס פערשיעדענהייט עקזיסטירט ביי אונז, מיר זיינען אָבער אלע פעראייניגט אין דעם פונקט פון בילדונג און אויפקלעהרונג, וועלכעס מוז בעטראכט ווערען אלס די שטארקסטע געזעלשאפטליכע וואַפע, און אין דעם ליעגט דער סוד פון אונזער ערפאָלג.

איך האָף און ערווארטע, פריינדע דעלעגאטען, — פאָרענדיגט פר. עפשטיין, דאָס די פארהאנדלונגען ביי דיעזער קאָנווענשאָן וועלען געפיהרט ווערען אין אזא גייסט און הארמאָניע ווי עס פּאסט פאר דעם ארב. רינג און וואָס זאָל זיין א שטאָלץ פאר אונזערע ברענטשעס און מעמבערס איבער'ן גאנצען לאנד.

פר. עפשטיין פאָדערט דאן אויף אלע אנוועזענדע זיך אויפצושטעלען צו עהרען די פארשטאָרבענע מעמבערס פון ארב. רינג פון לעצטען יאָהר און נעהמט דאן פאָר נאָמינײשאָנס פאר טעמפּאָרארי טשערמאן. פר. וויינבערג ווערט אלס אזעלכער ערוועהלט.

פר. וויינבערג נעהמט פאָר נאָמינײשאָנס פאר טעמפּאָרארי סעקרעטער און פר. נ. פיינערמאַן ווערט ערוועהלט. עס ווערט פאָרגעשלאָגען דאָס דער טשערמאַן זאָל אליין אפּאָינטען א קרעדענשעל קאָמיטע און די פאָלגענדע 5 ווערען פון טשערמאַן אפּאָינטעד: ס. וואָלאָס און מ. פערלאָוויטש, ניו יארק; א. הערשמאַן, פילאדעלפיא; דיימאָנד, פון שיקאגאָ און שאָד פון פּאָרטלאנד.

פר. וויינבערג פאָדערט אויף אלע אנוועזענדע זיך אויפצושטעלען אין עהרע צו די קרבנות פון אונזערע רייהען, וועלכע זיינען שוין געפאלען אין דיעזער מלחמה. און ביי דיעזער געלעגענהייט צייגט ער דאָס די סאָציאליסטען האָבען אימער געפּרעדיגט, „אז וויסען איז מאכט" און „מאכט איז וויסען". צום בעדויערען איז היינט נאָך מאכט דער שווערד, און פאָלגליך מוז ער מיט'ן שווערד בעגעגענט ווערען. אָבער דעד שווערד, די געוואלט קען ניט ענטשיידען דעם שיקזאל פון דער

וועלט. זיעגען מוזען די יעניגע, וועמעס אידעאלען זיינען באזירט אויף ברידערליכקייט, געמיינשאפטליכעס אייגענטום. מיר זעהען אז אין דעם איצטיגען חורבן האָבען זיך די רעגירענדע שטאאטען געמוזט ווענדען צו דעם סאָציאליסטישען פרינציפ און פארוואנדלען, מעהר אָדער ווענינער, אלע נויטווענדיגע פריוואט אונטערנעהמונגען פאר געמיינשאפטליכע. און אין דעם אויסגאנג פון דער מלחמה וועט אויך ניט די מאכט פון געוואלט זיעגען, נאָר די מאכט פון די העכערע אידעאלען, און דער העכסטער אידעאל — דער סאָציאליזם — וועט לסוף רעגירען די וועלט.

פר. וויינבערג שטעלט דאן פאָר גענ. אב. קאהאן, רעדאקטאָר פון „פאָרווערטס", צו בעגריסען די קאָנווענשאָן.

גענ. קאהאָן בעגריסט די קאָנווענשאָן אין נאָמען פון „פאָרווערטס" אסס'ן און רעדאקציאנס סטעף. — היינט, אין דעם טאָג, ווען איהר עפענט אייער קאָנווענשאָן, ווערט געפייערט דער געבורטס טאָג פון קארל מארקס, דעם מאן, וועלכער האָט געגעבען א נייע רעליגיאן און א נייע תורה פראָקלאמירט פאר דער וועלט, און דאָס איז די תורה פון סאָציאליזם. דער ארב. רינג איז צו מיר, אלס אויטסיידער, טייער דערפאר ווייל ער פערשפרייט דיעזע תורה. דער אידעאליזם פון ארב. רינג איז זיין נשמה וועלכע געפינט זיך אין א גאנץ שטארקען און פעסט געבויטען גוף. אין אלע לאָדזשען און אָרדענס זיינען פאראן געוויסע אלטמאָדישע צערעמאָניעס, בלויז דער א. ר. האָט ניט קיין צערעמאָניעס, ווייל דער ארב. רינג נויטיגט זיך ניט אין זיי. ער האָט אידעאליזם, און עטוואס שעהנערעס, ממשות'דיגערעס פון פוסטע צערעמאָניעס, — און אלס אזעלכען בעגריסט גענ. קאהאן די 18־טע קאָנווענשאָן פון ארב. רינג.

גענ. סלייטאן, פון דער ס. פ., לאָקאל פיטסבורג, בעגריסט די קאָנווענשאָן אין נאָמען פון די סאָציאליסטען אין פיטסבורג.

ער לויבט דעם ארב. רינג פאר זיינע אויפטוהונגען פאר דער בעוועגונג אין פיטסבורג און בעדויערט וואס ער קאָן ניט איבערגעבען דער קאָנווענשאָן די שליסלען פון דער שטאָדט, ווייל די סאָציאליסטען זיינען נאָך ליידער ניט די בעלי בתים פון שטאָדט. עס וועט נאָך אָבער קומען די צייט, ווען די ארבייטער וועלען ווערען די בעלי בתים ניט נאָר פון דיעזער שטאָדט נאָר פון דער גאנצער וועלט.

רעם נעקסטען צו בעגריסען די קאָנווענשאָן שטעלט דער טשערמאן פאָר דעם סעק. פון די פאראייניגטע אידישע געווערקשאפטען, גענ. מאקס פיין..

— אין געוויסע קרייזען רעדט מען מיט איראָניע וועגען דער דריי־איניגקייט: דער ארב. רינג, די געווערקשאפטען און דער „פאָרווערטס". און איך וויל אייך זאָגען, דאָס איך בין שטאָלץ אויף דער דריי־איניגקייט. דיעזע דריי־איניגקייט האָט געשאפען די אידישע ארבייטער בעוועגונג. ווען ניט דיעזע דריי־איניגקייט וואלטען מיר אזעלכע גרויסע יוניאנס ניט געהאט. עס איז ניטאָ קיין איין סטרייק וואו דער ארב. רינג זאָל ניט לייסטען די גרעסטע הילפע. נאָר טאקע א דאנק די פעראייניגטע קרעפטע פון דעם ארב רינג, „פארווערטס" און געווערקשאפטען האָבען זיך 85 פראָצענט ארבייטער דערשלאָגען צו אן 8 שטונדיגען ארבייטס טאָג.

און בעגריסענדיג די קאָנווענשאָן פון ארב. רינג, דריקט גענ. פיין אויס זיין האָפנונג און וואונש אז ביז דער קומענדער קאָנווענשאָן זאָל שוין קומען א פריעדען וואס זאָל ברייננען גליק פאר דער גאנצער מענשהייט.

רעם נעקסטען צו בעגריסען די קאָנווענשאָן, שטעלט דער טשערמאן פאָר דעם נאציאנאלען סעקרעטער פון דער ס. פ., אדאָלף גערמער. דער לעצטער בעגריסט די קאָנווענשאָן אין נאָמען פון דער ס. פ. פון אמעריקא. ער זאגט דערביי, דאָס די איגסטיטושאָנס וואס דער ארב. רינג האָט אויפגעבויט זיינען א שטאָלץ ניט נאָר פאר דעם ארב. רינג, נאָר פאר דער גאנצער ארבייטער בעוועגונג פון אמעריקא און עס איז א וואונדער און א פערדרוס וואס דער ארב. רינג האָט מעהר ניט ווי 62 טויזענד מעמבערס.. ער וואלט בעדארפט צעהלען זיין מיטגליעדערשאפט אין די הונדערטע טויזענדע. און נוט נאָר אין אמעריקא. מיר דארפען האָבען אן ארבייטער רינג איבער דער גאנצער וועלט, ווייל די ארבייטער זיינען די, וועלכע בויען די וועלט און זיי זיינען בערעכטיגט די וועלט צו בעזיצען.

ביים פאָרשטעלען דעם נעקסטען בעגריסער, דעם טשערמאן פון די דירעקטאָרען פון לייבאָר ליעג, פר. אייזענבערג, בעמערקט דער טשערמאן, אז דער ארב. רינג האָט אָנגענומען די פראטוירנאל רייטס הויפטזעכליך צו העלפען דעם לייבאָר ליעג, צו וועמען דער ארב. רינג האָט מאָראלע פערפליכטונגען.

פר. אייזענבערג בעגריסט הארצליך די קאָנווענשאָן און דריקט אויס זיין גרויס צופרידענהייט, וואס ענדליך וועט גאָר אין גיכען קומען די צייט ווען דער לייבאָר ליעג וועט קאָנען זיין פארטראָטען ביי די ארב. רינג קאָנווענשאָנס ניט דורך פראטוירנאל דעלעגאטען, נאָר דורך פול בארעכטיגטע דעלעגאטען, צוגלייך מיט אלע ברענטשעס פון ארב. רינג און האָפט, דאָס די 20טע קאָנווענשאָן וועט געהאלטען ווערען אין באָסטאָן אונטער דער אלגעמיינער פאָהן פון ארב. רינג.

פר. באסקין, דער דזשענעראל סעקרעטער פון ארב. רינג, בעגריסט די קאָנווענשאָן צו לעצט און דריקט אויס דעם געדאנק, אז פיטסבורג איז אייגענטליך דער פאסענדסטער פלאץ פאר אן ארב .רינג קאָנווינשאָן. פיטסבורג איז די „מעלטינג פאָט" פון אמעריקאנער אינדוסטריע, דאָ ווערט פעראייניגט די מענשליכע פיזישע קראפט מיט דער אינטעלעקטועלער. דאָ ארבייטען הארמאָניש מענשען פון פערשיעדענע שפראכען, פון פערשיעדענע נאציאנען, אָבוואָהל זיי פארשטעהען זיך ניט איינע די אנדערע. דאָ ווערען געמאכט די מערקווירדיגע ערפינדונגען, וועלכע האָבען געקאָנט דיענען פאר דעם גליק פון דער מענשהייט, ווען מענשען וואָלטען נור געוועזען בעוואוסטזיניג און פערשטאנען זייערע אינטערעסען. ווען דיעזע מענשען וואלטען געהאט דיעזען בעוואוסטזיין, וואלטען זיי זיך ניט לאָזען פיהרען פון א הייפעלע הערשער און באטריגער און געהן געגען זייערע אייגענע אינטערעסען. עס פעהלט זיי די אויפקלעהרונג און דאָס זעלבסטבעוואוסטזיין, און דער ארב. רינג, זייענדיג אויך א „מעלטינג פאָט" פון פערשיעדענע גרופען און שיכטען פון דער אידישער ארבייטער בעוועגונג, קען צייגען א ביישפיעל פאר אזא אויפקלעהרונגס ארבייט. די קאָנווענשאָן וועט צייגען די פיטסבורגער ווי אזוי דיעזע ארבייט ווערט געטון, און דורכדעם אויפמונטערען די גרויסע מאסען פון פיטסבורג צו נעהמען א ביישפיעל ווי צו טון פראקטישע אויפקלעהרונגס ארבייט.

די זיצונג ווערט פארטגעזעצט מאָנטאג, 10 אוהר פריה, אין לייבאָר לייסעאום, אונטער דעם פאָרזיץ פון זעלבען טשערמאָן.

דער טשערמאן שטעלט פאָר פר. יאָנאס, דעם סעקרעטער פון לייבאָר ליעג. דער לעצטער בעגריסט די קאָנווענשאָן אין נאָמען פון לייבאָר ליעג. ער מאכט דערביי אויפמערקזאם, דאס עס איז א טעות פון דער עקז. קאָמיטע פון ארב. רינג, ווען זי רעכענט אז דיעזען יאָהר האָט דער ארב. רינג פערגרעסערט די מעמבערשיפ מיט טויזענד מעמבערס. אויב דער ארב. רינג האָט דירעקט אריינגענומען טויזענד מעמבערס, האָבען זיי אינדירעקט אריינגענומען נאָך 3 טויזענד מעמבערס, און דאָס זיינען די מעמבערס פון לייבאָר ליעג, ווייל דורך דער איינפיהרונג פון פראטוירנאל רייטס האָט דער ארב. רינג מעגליך געמאכט פאר דעם לייבאָר ליעג צו ווערען געזעצליכע ברענטשעס פון ארב. רינג. ער דריקט אויך אויס זיין האָפנונג, דאָס צום נעקסטען קאָנווענשאָן וועלען די פיהרער פון לייבאָר ליעג זיין אימשטאנדע איבערצוגעבען די ארמיי פון די 3 טויזענד מעמבערס, וועלכע זיי האָבען געהאלטען אונטער זייער אויפזיכט פאר 10 יאָהר צייט, צו דער אלגעמיינער ארמיי פון ארב. רינג.

פר. וויליאם באקסט, פון לייבאָר ליעג, בעגריסט די קאָנווענשאָן און זאָגט דערביי, דאָסביידע, סיי דער ארב. רינג און סיי דער לייבאָר ליעג, האָבען איינס אין צווייטען זיך ניט אָבגענארט. דער ארב. רינג האָט אנפערטרויט דעם לייבאָר ליעג אויפצוהאלטען דעם גייסט פון ארב. רינג אין מאססאטשועזטס סטייט, און דער לייבאָר ליעג האָט זיין מיסיאָן עהרליך און געטריי דורכגעפיהרט. דער לייבאָר ליעג ווידער, האָט געהאט

צוטרווי צום ארב. רינג אז סוף כל סוף וועט ער מעגליך מאכען פאר דעם לייבאר ליעג זיך צו פאראייניגען מיט'ן ארב. רינג. און די צייט איז שוין גאר נאהענט ווען דער ארב. רינג וועט קאנען אבהאלטען זיין קאנווענשאן אין באסטאן.

געג. גלאבערמאן בעגריסט דאן די קאנווענשאן אין נאמען פון דער „טעגליכער וועלט", פון שיקאגא. שיקאגא, וועלכע איז דער גרעסטער אידישער צענטער אין דער וועסט, האט זיך שוין לאנג גענויטיגט אין א טעגליכער צייטונג, וועלכע שפיעלט יעצט, נאך איהר ערשיינונג, א גרויסע ראלע אין דער אידישער ארבייטער בעוועגונג. און צו פערדאנקען איהר ערשיינונג האבען מיר זיכער זעהר פיעל דעם ארב. רינג. ניט נאר די מעמבערס פון שיקאגא, נאר אלע ברענטשעס און מעמבערס איבער'ן גאנצען לאנד האבען זיך ווארים אפגערופען אויף זייערע אפיעלס, און דורך דער קאנווענשאן בעדאנקט ער אלע ברענטשעס און מעמבערס פון גאנצען לאנד פאר זייער פריינדליכער שטיצע.

דער טשערמאן שטעלט דאן פאר פר. צביון, וועלכער ערקלעהרט, דאס אזוי ווי ער איז צו דיעזער קאנווענשאן א פערטרעטער פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע, וועט ער אין זיין רעפארט צו דער קאנווענשאן שוין זאגען אלעס וואס ער האט צו זאגען.

געג. וויינבערג, דער טשערמאן פון לייבאר לייסעאום אסאסיאיישאן, בעגריסט די קאנווענשאן אין נאמען פון די דירעקטארען פון דעם לייבאר לייסעאום. אבוואהל דער לייבאר לייסעאום בעלאנגט ניט אין גאנצען צום ארב. רינג, נאר צו דער גאנצער ארבייטער בעוועגונג פון פיטסבורג, וועלכע ארבייטען אלע מאל הארמאניש און געמיינשאפטליך, דאך די געלט וועלכע איז אינוועסטעד געווארען אין דעם לייבאר לייסעאום קומט מעהרסטענס פון די ארב. רינג מעמבערס, און ווינשט סוקסעס אין דער ארבייט.

עס בעגריסט אויך די קאנווענשאן פר. בלאק, פון די היברו אימיגראנט אייד סאסייטי און בעדאנקט דעם ארב. רינג פאר זיין פינאנציעלע און מאראלע שטיצע.

פר. וואלאס, טשערמאן פון קרעדענשעל קאמיטע, גיט איבער פאלגענדען רעפארט פאר דער קרעדענשאל קאמיטע:

ביים קאנווענשאן זיינען פערטראטען 117 דעלעגאטען פון 36 טעריטאריעס. 7 דעלעגאטען פון דער נאצ. עקז. קאמיטע, 1 דעלעגאט פון דער נ. ב. ד. 2 פון סעמעטערי דעפארטמענט און 3 פראטווינאל דעלעגאטען פון לייבאר ליעג.

געגען 3 דעלעגאטען, נעמליך: איינעם פון ניו יארק, איינעם פון נוארק און איינעם פון באלטימאר, זיינען אריינגעקומען אבדזשעקשאנס. די קאמיטע האט פארלויפיג געהאנדעלט אין צוויי קייסעס, נעמליך די קייס פון ניו יארק און נוארק. דער כאראקטער פון די ביידע קייסעס איז ווי פאלגט:

אין ברענטש פון טרענטאן, נ. דזש., איז לויט דער אנגעבונג פון א פריינד, וועלכער איז געוועזען ביי זייער מיטינג, אבגעגעבען געווארען 53 שטימען. אויף דעם באלאט אין אפיס איז אריינגעשיקט געווארען 178 שטימען. דער ברענטש האט צוגעשטעלט א צווייטע קאפיע פון באלאט מיט א בעשטעטיגונג, דאס 178 שטימען זיינען אבגעגעבען געווארען און די קרעדענשעל קאמיטע האט בעשלאסען, דאס עס מוז אין דיזער קייס אנגענומען ווערען די אפיציעלע בעשטעטיגונג פון דעם ברענטש.

די צווייטע קייס, פון ניו יארק, איז ווי פאלגט:

א ברענטש האט נאמינירט א מעמבער פאר א דעלעגאט. א פאר טאג בעפאר דעם פאר-קאנפערענץ, האט זיך דער קאנדידאט צוריק געצויגען און איבערגעגעבען די נאמינײשאן צו א צווייטען מעמבער. דיעזע האנדלונג איז פון ברענטש גוטגעהייסען געווארען. א מינאריטעט פון ברענטש האט אבער פראטעסטירט צו דער גריוואנס קאמיטע, ווייל דער ברענטש האט ניט געהאט קיין ספעציעל מיטינג פאר דיעזען צוועק. די גריוואנס קאמיטע האט די קייס געבראכט צו דער קרעדענשעל קאמיטע און די קאמיטע רעקאמענדירט דיעזע ביידע דעלעגאטען צוצולאזען, צוגלייך מיט די אנדערע 114 דעלעגאטען. וועגען דעם דעלעגאט פון באלטימאר וועט נאך די קאמיטע האנדלען.

די קרעדענשעל קאמיטע רעקאמענדירט אויך דאס די פערטרעטער פון דער עקז., נ. ב., ל. ל. און סעמעטערי דעפ., זאלען צוגעלאזען ווערען מיט בעראטונגס רעכט.

רעפארט פון דער קרעדענשעל קאמיטע ווערט גוט געהייסען.

טעמפארערי טשערמאן, פר. וויינבערג, ערקלעהרט דאן די קאנווענשאן אלס א גזעצליכע און, בעדאנקענדיג די דעלעגאטען פאר די עהרע וואס איהם איז צוגעטיילט געווארען צו זיין דער טעמפארערי טשערמאן, נעהמט ער פאר נאמינײשאנס פאר טשערמאן.

אלס טשערמאן ווערט ערוועהלט פר. ל. בענענסאן, פון שיקאגא. אלס וויס-טשערמאן, פר. סיגעל, פון פיטסבורג. דערמיט ווערט די ערשטע זיצונג געשלאסען.

—

## צווייטע זיצונג, מאנטאג פריה, דעם 6טען מאי.

די צווייטע זיצונג ווערט ערעפענט מאנטאג פארמיטאג, דעם 6טען מאי, מיט פר. ל. בענענסאן, פון שיקאגא, אלס טשערמאן און פר. סיגעל, פון פיטסבורג, אלס וויס-טשערמאן.

עס ווערט פארגענומען וואהל פאר א סעקרעטאריאט פון 3 און די פריינדע נ. פיינערמאן, מ. אשפיז און ל. נינצבורג, פון ניו יארק, ווערען אלס אזעלכע ערוועהלט.

דער טשערמאן לעגט פאר די ערוועהלונג פון א דיסטריביושאן קאמיטע, וועלכע דארף ערוועהלען די פאלגענדע קאמיטעען:

1) קאנווענשאן פרעס קאמיטע.
2) רעזאלוציאנס קאמיטע.
3) פערוואלטונגס קאמיטע.
4) פרעס און עדיוקיישאנאל קאמיטע.
5) ארגאניזאציאנס קאמיטע.
6) סאניטאריום קאמיטע.
7) קראנקען בענעפיט קאמיטע.
8) קאנווענשאן קאמיטע.
9) עלעקשאן קאמיטע.
10) לינאל קאמיטע.

פר. דזש. וויינבערג שלאגט פאר, דאס די דיסטריביושאן קאמיטע זאל אויך ערוועהלען א קאמיטע אף אפיסערס רעפארט. נאך א קורצע דיסקוסיאן ווערט דער פארשלאג אנגענומען.

איבער דער צאהל מיטגליעדער פון דער בעטרעפענדער קאמיטע ווערט פארגעשלאגען 9, 11 און 15. דער טשערמאן רולט דאס יעדער פארשלאג וועט געשטימט ווערען בעזונדער דאפיר און דאגעגען. דער רעזולטאט פון דער אבשטימונג איז, אז די קאמיטע זאל בעשטעהן פון 15 מיטגליעדער.

נאמינײשאן און וואהלען פאר דער דיסטריביושאן קאמיטע ווערען גלייך פארגענומען און די פאלגענדע 15 ווערען ערוועהלט:

י. ישורין, ניו יארק; דזש. בערענשטיין, דעטראיט; ס. עטינגער, פילאדעלפיא; דזש. דריישפיעל, ניו יארק; ב. קאבלענטץ, שיקאגא; ס. גודעלמאן, ניו יארק; דזש. ראטמאן, ניו יארק; ה. שער, ניו יארק; ח. לין, נוארק; א. וואליצקי, ניו יארק; א. אדלער, ניו יארק; ד. אלעקסאנדער, אלבעני; ר. גינזבורג, ניו יארק; ס. יוראק, בראנזוויל; דזש. גינזבורג, קאליפארניא.

פר. א. עפשטיין, טשערמאן פון דער נאצ. עקז. קאמיטע, פארלאנגט פון דער קאנווענשאן פאלגענדעס: אזוי ווי די רעזאלוציאנען וועלכע די היינטיגע קאנווענשאן וועט האבען צו פערהאנדלען וועלען זיין אויסערגעוועהנליך וויכטיגע, האט דאדום די נאצ. עקז. קאמיטע ערוועהלט א קאמיטע פון דריי צו דער רעזאלוציאנס קאמיטע פון קאנווענשאן, און ער בעט די קאנווענשאן צו אינסטרואירען די רעזאלוציאנס קאמיטע, דאס בעפאר זיי הייסען גוט אדער וויזען צוריק וועלכע עס איז רעזאלוציאנען, זאלען זיי זיך בעראטען מיט דער 3-ער קאמיטע פון דער נאצ. עקז.

דער טשערמאַן ערקלעהרט, דאָס יעדע קאָמיטע בעפאַר זי ברייננגט אריין א רעפּארט איבער אירגענד וועלכער פראגע איז פערפליכטעט זיך צו בעראטען מיט דער עקז. קאָמיטע. ספּעציעל די רעזאָלוציאָנס קאָמיטע זאָל אונבעדינגט נאָכקומען דיזען פערלאנג פון פר. עפּשטיין און ניט רעפּאָרטען קיין רעזאָלוציאָן ביז זיי וועלען מיט דער קאָמיטע פון דער עקז. זיך וועגען דעם בעראטען.

די וואהל פאר טשעדמאַן פון דער 8טער זיצונג ווערט פאַרגענומען און פר. בעצאהלער פון ניו יארק ווערט ערוועהלט. דערמיט ווערט די צווייטע זיצונג פון קאָנווענשאָן געשלאָסען.

—

## דריטע זיצונג, מאָנטאג נאָכמיטאָג, דעם 6טען מאַי.

די דריטע זיצונג ווערט געעפענט פר. ל. בעצאהלער אלס טשערמאַן. פאר וויס־טשערמאַן ווערט ערוועהלט פר. מ. מינדלין פון נוארק.

עס ווערען פארגעלעזען פערשיעדענע טעלעגראַמען פון יוניאָנס, פריינדליכע ראַדיקאלע אָרגאניזאציאָנען, ברענטשעס פון ארב. רינג און פון איינצעלנע מעמבערס. א ספּעציעלען שטורעם פון אפּלאָדיסמענטען רופט ארויס די בעגריסונגס־טעלעגראַמע פון פר. קלופּט, עקס עקזעקוטיוו מעמבער און יעצט א סאָלדאַט אין דער נאַציאָנאַלער ארמעע.

די פּראָטאָקאָלען פון דער ערשטער און צווייטער זיצונג ווערען פאָרגעלעזען און גוט געהייסען.

פר. נ. מאלין, פערטרעטער פון די „פּיטסבורג קאָאָפּערייטיוו ליעג", בעגריסט דאן די קאָנווענשאָן.

— דער ארב. רינג איז געווען די אָרגאניזאציאָן, וועלכע האָט אונזערע אבסטראַקטע אידעען גענעבען א געשטאַלט און פאָרם. ער האָט דער ערשטער אָנגעפאנגען פּראַקטיצירען קאָאָפּעראציאָן און אצינד, צו זיין 18טער קאָנווענשאָן, געפינט ער זיך מעכטיג און שטארק און דיענט אלס גוטער ביישפּיעל פאר אלע אונזערע קאָאָפּעראטיווע ארגאניזאציאָנען.

אין נאָמען פון דער פּיטסבורג קאָאָפּערייטיוו ליעג, בעגריסט ער די קאָנווענשאָן מיט די פאָלגענדע ווערטער פון דער ארב. רינג מארסעליעזע:

„דער אַרבייטער רינג,
„דער אַרבייטער רינג,
„די שווערינקייט פון לעבען מאכט ער גרינג."

דער טשערמאַן שטעלט דאן פאָר נעג. ת. גערשאָוויטש צו בעגריסען די קאָנווענשאָן אין נאָמען פון די אידישע סאציאַליסטישע יאָנג פּיפּעלס ליעג. זיין בעגריסונג איז ווי פאָלגט:

— אונזערע ראדיקאלע און סאציאַליסטישע ארגאניזאציאָנען אום צו זיין סוקסעספול, נויטיגען זיך אין פאלגענדע דריי זאכען: אָרגאַניזיישאָן, עדיוקיישאָן און סאָלידאַריטעט. דער ארב. רינג פערשטעהט די דריי זאכען. אייער ארגאניזיישאָן איז וואונדערבאר און דיענט פאר אלעמען אלס ביישפּיעל; איהר טוט זעהר פיעל פאר עדיוקיישאָן און לעצטענס האָט איהר אויך עררייכט דעם צושטאַנד פון סאָלידאַריטעט.

אין קורצע ווערטער גיט ער דאן איבער די טעטינקייט פון זיין אָרגאַניזאציאָן ספּעציעל. שטעלט ער זיך אָפּ אויף דער לייברערי, וועלכע זיי האָבען געגרינדעט פאר די אידישע ארבייטער מאסען. ער ענדיגט מיט דעם וואונש, אז דער ארב. רינג זאָל פון דיעזער קאָנווענשאָן ארויס פיעל שטארקער און ערפאָלגרייכער ווי אירגענד ווען בעפאַר.

די בעריכטען פון די פערוואלטונגס קאָמיטעען ווערען דאַן פאָרגענומען. דער טשערמאַן ערקלעהרט, דאס צוליעב דעם, וואס דר. ה. קלימענקא, פערטרעטער פון דער מעדיקאל אדוויזאָרי באָארד, דארף באלד אוועקפאָהרען, איז ער געצוואונגען צו ענדערען עטוואס דעם טאגעס־ארדנונג און פאָרנעהמען דעם רעפּאָרט פון דער בענעפיט קאָמיטע און פון דער מעדיקאל אדווייזאָרי באָארד, בעפאר דעם בעריכט פון דער ניישאָנאל באָארד אוו דירעקטאָרס.

ער גיט דאָס וואָרט צו פר. גאָלדינג, טשערמאַן פון דער בענעפיט קאָמיטע, וועלכער בעריכטעט פאלגענדעס איבער זייער טעטיגקייט פאר'ן לעצטען יאהר.

**די ארבייט** פון דער בענעפיט קאָמיטע — זאָגט פר. גאָלדינג — איז זעהר א שווערע און אָפט אויך אן אונאַנגענעהמע. זיי האָבען כסדר אויסצוהערען געשיכטען פון צרות און אונגליקען. מען מוז זיין זעהר פאָרזיכטיג האנדלענדיג אין אזעלכע פראגען. פון איין זייט פיהלט מען צו האנדלען מיט יושר, אָבער פון דער צווייטער זייט מוזען זיי אויך האָבען אין זין די אינטערעסען פון ארב. רינג, ווייל דער בענעפיט דעפּארטמענט האָט צו בעשטימען איבער די מעהרסטע אויסגאבען פון ארדען.

דיעזע אויפגאבען האָט די בענעפיט קאָמיטע ערענסט און אויפריכטיג ערפילט. די ברענטשעס האָבען אלע מאָל געקראגען דעם „בענעפיט אָוו דהי דאַוט", מיט דער אויסנאהמע, ווען די אינטערעסען פון דער אָרגאניזאציאָן אלס גאנצע האָבען זיי געצוואונגען צו האנדלען שטרענג.

זייער ערפאהרונג האָט זיי געלערענט, דאָס אין בעצוג די אויסצאָהלונג פון קראנקען בענעפיט, זיינען ניט אלע קוואָרטאלען גלייך. פאראן קוואַרטאלען, אין וועלכע די בענעפיט אויסגאבען זיינען קלענער. אבער עס זיינען אויך פאראן קוואַרטאלען אין וועלכע די אויסגאבען פאר קראנקען בענעפיט זיינען ניט דער ערך גרעסער און דאָס האָט זיי געמאכט זיך פערטראכטען, וואס צו טון אז דער ארב. רינג זאָל ניט אויסצאָהלען קיין ניט בערעכטיגטע בענעפיטס. זיי האָבען דאָס דורכגעפיהרט אויף פאָלגענדען אופן:

זיי האָבען געאָרדערט דעם אָפּיס צוזאמענצושטעלען א ליסטע פון די ברענטשעס וועלכע נעהמען פּראָפּאָרציאָנעל א צו־גרויסען בענעפיט. דיעזע ברענטשעס האָבען זיי אַליין, אָדער דורך די דיסט. קאָמיטעען בעזוכט, און דאָס האָט זעהר פיעל פערבעסערט דעם צושטאַנד אין יענע ברענטשעס. זיי האָבען אויך גערופען קאָנפערענצען פון ברענטשעס אין פערשיעדענע דיסטריקטען איבער דיעזער פראגע און אומעדום זיינען דיעזע קאָנפערענצען געווען א סוקסעס.

זיי האָבען דיעזען יאָהר אָבגעדרוקט א קליינע בראָשורקע מיט אלע רולס און רעגולײשאָנס און ווי מען דארף זיך בעגעהן מיט קראנקע מעמבערס און ווי אויסצומאכען די סערטיפיקייטס. עס איז א פאקט, אז פיעלע האָספּיטעלער און קראנקען קאָמיטעען ווייסען ניט ווי זיך צו בעגעהן און זיי מאכען טעות'ען וועלכעס שטערט פיעל די אויסצאָהלונג פון בענעפיט.

ווי ווייט די קאָמיטע האָט טיכטיג געארבייט, וועט בעווייזען דער פאקט, אז די קאָמיטע האָט אליין אטענדעט צו די מעמבערס עט לארדזש און מעמבערס פון די קאָנטרי ברענטשעס, וועלכע ווערען צופעליג קראנק אין ניו יארק. עס איז א שווערע אויפגאבע אין אזא שטאָדט ווי ניו יארק איבערצושיקען אזעלכע קראנקע צו די ברענטש האָספּיטעלער, און אום אז די בעזוכונג פון די אויבענדערמאָנטע קראנקע, זאָל ניט פערנאכלעסיגט ווערען, אטענדעט די קאָמיטע זעלבסט צו דיעזע קראנקע מעמבערס. די פיעלע בריעף וואס זיי ערהאלטען אין וועלכע די קאָמיטע ווערט דערפאר שטארק געדאנקט איז דער בעסטער בעווייז, אז זיי האָבען געטון א גוטע זאך.

די לעצטע קאָנווענשאָן האָט צו זיי איבערגעגעבען די פראגע וועגען הילפע פאר אונזערע אינוואלידען. זיי האָבען צו אלעם ערשטען געוואָלט וויסען די צאָהל פון אזעלכע אינוואלידען און האָבען וועגען דעם געמאכט אן אָנפראגע צו די ברענטשעס. קיין אנטוואָרט האָבען די ברענטשעס ניט געשיקט און פאָלגליך קאָנען זיי צו דיעזער קאָנווענשאָן קיין רעקאָמענדיישאָן אין בעצוג צו דיעזער פראגע ניט ברייננגען.

פר. גאָלדינג שטעלט זיך אָפּ אויף דעם פאקט, דאָס א געוויסע צאָהל ברענטשעס שיקען אריין די סערטיפיקייטס אין אָפּיס נאָך די געזעצליכע 30 טעג. אזעלכע סערטיפיקייטס ווערען ניט אָנגענומען ווייל עס איז געגען אונזערע געזעצע. מען קען אויך אין אזא פאַל קיין אינפאָרמיישאָן ניט קריגען ווען אזעלכע איז נויטיג. ער מאכט אויפמערקזאם די דעלעגאטען איבערצוגעבען די ברענטשעס, אז זיי זאָלען די סערטיפיקייטס ניט פערהאלטען נור גלייך זיי אָבשיקען אין דזשענעראל אָפּיס.

ער שטעלט זיך אויך אָפּ אויף די נוטע ארבייט פון דער מעדיקאל אדווייזאָרי באָארד, וועלכע לייסטעט איהר בעסטעס, ניט קריגענדיג דערפאר בעצאָהלט. אויף זייער ראט האָבען

זיי נעבעטען דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע צו אַראַנזשירען לעקטשורס וועגען היניענע, ווייל אונזערע מעמבערס ווייסען כמעט נאָר ניט ווי אַזוי צו פאַרהיטען זייער געזונד.

די קאָמיטע איז דיעזען יאָהר נעקומען אָהן רעקאָמענדיישאָנס. פאַר נייע רעקאָמענדיישאָנס, גלויבען זיי, איז ניט יעצט די צייט און דאָס עקזיסטירענדע ווערט פּינקטליך און צופרידענשטעלענד דורכגעפיהרט און פערבעסערונגען זיינען אויף דיעזען געביט ניט נויטיג.

איין רעקאָמענדיישאָן האָבען זיי יאָ. נעמליך: דאָס דער ארב. רינג זאָל ווערען א מעמבער אין אַלע האָספּיטעלער, וואו נור מעגליך, ספּעציעל אין ניו יארק, וואו עס געפינען זיך כמעט א העלפט פון אונזערע מיטגליעדער. עס איז ניט נויטיג צו ערקלעהרען ווי ווייט נוצליך דאָס איז פאַר'ן ארב. רינג און וואס פאַר א הילפע דאָס וועט זיין פאַר אונזערע מיטגליעדער, און ער האָפט אז די קאָנווענשאָן וועט עס נוטהייסען.

ער שליסט זיין רעפּארט מיט אַ דאַנק צו דער קאָנווענשאָן און צו אַלע מיטגליעדער פון ארב. רינג פאַר דער עהרע און צוטרוי וואס זיי האָבען דער קאָמיטע דעם גאַנצען יאָהר געשענקט און מיט דער האָפנונג אז די ארבייט פון דער קאָנווענשאָן וועט דעם ארב. רינג ברייננען די בעסטע רעזולטאַטען.

דר. ה. קלימענקא, אלס פערטרעטער פון דער מעדיקאַל אַדווייזאָרי באָארד, בעריכטעט דאַן וועגען די לייסטונגען פון זיין רעספּעקטיווע קאָמיטע.

ער דריקט צוערשט אויס זיין בעדויערען איבער דעם טויט פון דר. פּאול קאַפּלאַן, וועלכער איז נעווען א מיטגליעד פון זייער קאָמיטע און פאָדערט אויף אַלע דעלעגאַטען זיך אויפצושטעלען צו זיין עהרע אלס צייכען פון טרויער.

ער ניט דאַן אן איבערבליק איבער די ארבייט פון דעם מעדיקאַל אַדווייזאָרי באָארד וועלכעס איז בעשטאַנען אין געבען טעכנישע אנטווארטען אויף געוויסע מעדיקאַל פראַגען. זיי האָבען פאַר דיעזען צוועק זיך צוטהיילט אין סאָב קאָמיטעען, ווי אָפּיס און סטאַטיסטיק קאָמיטע, און האָבען אין אַלע פראַגען געהאנדעלט אין פאָלקאָמענע האַרמאָניע מיט דער עקז. קאָמיטע. ער גיט איבער פאָלגענדען אויסצוג פון די וויכטיגסטע פראַגען וועלכע זייער קאָמיטע האָט דיעזען יאָהר פאַרהאַנדעלט.

די אינוואַלידען פראַגע: אַן אינוואַליד איז, לויט זייער מיינונג, דער יעניגער וואס איז אינגאַנצען אָדער טיילווייז אונפעהיג צו ארבייטען צוליעב א פ י ז י ש ע קראַנקהייט. דער, וועלכער ליידעט פון אירגענד וועלכע ג י י ס ט י ג ע קראַנקהייט, זאָל ניט בעטראַכט ווערען אלס אינוואַליד. די, וועלכע ווערען טיילווייז אונפעהיג צו ארבייטען, דאַרפען געשיקט ווערען צו א ספּעציאַליסט, וועלכער זאָל רעקאָמענדירען וועלכע לייכטע בעשעפטיגונג וואָס דער מיטגליעד איז אימשטאַנד צו טון. זיי רעקאָמענדירען, דאָס א ספּעשעל אינוואַלידען באָארד זאָל פאַר דיעזען צוועק געשאַפען ווערען. די צוזאַמענשטעלונג און פונקציאָנען פון דיעזער באָארד זיינען נעגוי און דייטליך איבערגעגעבען אין זייער שריפטליכען רעפּארט.

וואָס אַנבעלאַנגט די אינוואַלידען וועלכע זיינען אין גאַנצען אונפעהיג צו ארבייטען, וואָלט דאָס בעסטע געווען, אַזעלכע אריינצוגעבען אין ספּעציעלע אינסטיטושאָנס און פאַר דיעזען צוועק וואָלט ווינשענסווערט געווען, דאָס דער ארב. רינג זאָל ווערען א מעמבער אין אַזעלכע אינסטיטושאָנס דורך יעהרליכע בייטרעגע.

ער מאַכט אויפמערקזאַם דער קאָנווענשאָן, דאָס די אינוואַלידען פראַגע טאָר ניט אָבגעלייגט ווערען ווייל ווען די מלחמה וועט זיך ענדיגען וועט דער ארב. רינג מוזען עפּעס טון פאַר די מיטגליעדער וועלכע וועלען אונגליקליכערווייזע צוריקקומען קאַליעס.

די מעדיקאַל באָארד האָט פאַרהאַנדעלט די פרויען קראַנקהייט פראַגע: דער ארב. רינג צאָהלט ניט קיין בענעפיט פאַר דיעזער קראַנקהייט. וואָס אָבער דאַרפען מיר פאַרשטעהן אונטער דעם וואָרט „פרויען קראַנקהייט"? די קאָמיטע האָט בעשלאָסען, אַז דער ארב. רינג זאָל ניט צאָהלען קיין בענעפיט פאַר וועגערייע קראַנקהייטען, קראַנקהייטען וועלכע זיינען פערבונדען מיט שוואַנגערען, געבורט אָדער פון זייגען א קינד. פאַר אַלע אַנדערע פרויען קראַנקהייטען, אויסער די אויבענדערמאָנטע, זאָל בענעפיט יאָ געצאָהלט ווערען.

די קאָמיטע אָוו סטאַטיסטיקס האָט אונטערזוכט דעם צושטאַנד פון ארב. רינג אין בעצוג טובערקולאָזיס און מיט פריידקען ער בעריכטען דאָס דער ארב. רינג איז אין א בעסערען צושטאַנד ווי די דורכשניטליכע בעפעלקערונג. דערפאַר איז דער פּראָצענט פון ניערען קראַנקהייט ביי אונז פיעל העכער און דאָס איז די הויפּט אורזאַכע וואס זיי בעשטעהען אַזוי שטאַרק אויף זייער פאָרשלאַג איינצופיהרען א יורין עקזאַמינייִשאָן פאַר נייע קאַנדידאַטען.

די קאָמיטע טרייט איהר בעסטעס אז קראַנקע קאַנדידאַטען זאָלען אין ארב. רינג ניט אריינקומען. דאַגעגען זאָלען געזונדע ניט ליידען צוליעב א טעות פון דאָקטאָר, און דערפאַר בעראַטען זיי זיך אין די מעהרסטע פעלע מיט ספּעציאַליסטען, אום פעסטצושטעלען אויב דער קאַנדידאַט איז ווירקליך ניט פּאַסענד פאַר'ן ארב. רינג.

וועגען די לעקטשורס איבער היניענע, איז דר. קלימענקא דורכאויס דאַפיר, דאָס זיי זאָלען פאָרטגעזעצט ווערען. ער ווייס ניט וועלכע אורזאַכען עס זיינען פעראַנטוואָרטליך וואָס די לעקטשורס זיינען דיעזען יאָהר געווען א דורכפאַל. דאָס דאַרף אָבער אונז ניט אָבשטעלען פאָרטצוזעצען זיי ווייטער און טאַקע אויך זעהן זיי צו מאַכען פאַר אַן ערפאָלג.

ספּעציעל שטעלט זיך דר. קלימענקא אָפּ אויף זייער רעקאָמענדאַציאָן, דאָס מעמבערס אריבער 40 יאָהר זאָלען איינמאָל א יאָהר קריגען א פרייע מעדיקאַל עקזאַמינייִשאָן. אין דיעזען עלטער פאַנגען זיך אָן ענטוויקלען פאַרשיעדענע קראַנקהייטען פון וועלכע דער מעמבער ווייס פון אָנפאַנג ניט ביז די קראַנקהייט איז שוין היבש ענטוויקעלט. אַן עקזאַמינייִשאָן אין צייט, וואָלט אין דיעזען פּרט געטון פיעל גוטעס.

צולעצט שטרייכט דר. קלימענקא אונטער דעם פאַקט, דאס די ברענטש דאָקטוירים זיינען פיעל שולדיג אין דעם וואס די אויסגאַבען פאַר קראַנקען בענעפיט אין ארב. רינג זיינען אַזוי גרויס. דאָקטוירים וועלכע זיינען אָבהענגיג אָן די ברענטשעס, זיינען ניט אימשטאַנד ריכטיג אויפצופּאַסען, אַז ניט געזעצליכע בענעפיטס זאָלען ניט אויסגעצאָהלט ווערען. די איינפיהרונג פון דיסטריקט דאָקטוירים איז העכסט נויטיג און די קאָנווענשאָן דאַרף זיך נאָכאַמאָל וועגען דעם פאַרטראַכטען.

אויסדריקענדיג א דאַנק צו דער קאָנווענשאָן און צו די מעמבערס פאַר דער עהרע און צוטרוי וואס איז זיי דעם יאָהר געשענקט געוואָרען, שליסט דר. קלימענקא זיין בעריכט.

פאָלגענדע אינטערפּעלאַציאָנען ווערען געשטעלט צו דער בענעפיט קאָמיטע און מעדיקאַל אַדווייזאָרי באָארד.

זאַלקינד, ניו הייווען: — ווען האָט די בענעפיט קאָמיטע אַרויסגעשיקט צו די ברענטשעס א צושריפט פון אינפאָרמיישאָן וועגען אונזערע אינוואַלידען?

גינזבורג, קאַליפאָרניא: — וואָרום רעקאָמענדירט ניט די מעדיקאַל באָארד וואָס צו טון מיט אונזערע אינוואַלידען נאָך דעם ווי זיי וועלען עקזאַמינירט ווערען?

שיינבאום, ניו דזשוירזי: — וואס זיינען די רעזולטאַטען פון די פערשיעדענע קאָנפערענצען וועלכע די בענעפיט קאָמיטע האָט איינבערופען? (די זעלבע פראַגע ווערט אויך געשטעלט פון פר. דייווידאוו, ניו יארק).

יעלין, ניו יארק: — וואָרום האָט די בענעפיט קאָמיטע ניט בעריכטעט צום קאָנווענשאָן וועגען די העכערונג פון די ניו יארקער דאָקטוירים פאַר די עקזאַמינייִשאָנס פון נייע קאַנדי־ באָארד פרייע מעדיקאַל עקזאַמינייִשאָנס אויך פאַר מעמבערס וועלכע זיינען אינגער ווי 40 יאָהר?

פר. דר. האָפמאַן (צביון): — וואָרום דענקט די קאָמיטע און די מעד. באָארד דאָס פאַר וועגערישע קראַנקהייטען דאַרף קיין בענעפיט ניט געצאָהלט ווערען?

י. וויינבערג, ניו יארק: — זאָל די בענעפיט קאָמיטע ערקלעהרען ווען און צו וועמען האָט מען ניט אויסגעצאָהלט קיין בענעפיט אויף וועגערישע קראַנקהייטען?

ל. גינזבורג, ניו יארק: — 1) וואָרום דענקט די מעדיקאַל באָארד דאָס צו עקזאַמינירען די אינוואַלידען זאָל אָנגעשטעלט

ווערען א דאָקטאָר ניט פון זייער מיטע? 2) איז עס ניט א פאַקט, אז דער אָפיס קוקט מיט פערדאכט אויף יעדען קראַנקען סערטיפיקייט וואס קומט אריין?

ל. נ., נוארק: — ווארום רעקאָמענדירט ניט די מעדיקאל דאטען? (די זעלבע פראגע ווערט אויך געשטעלט ביי די פריינדע ביילין און פּאַזעס פון ניו יארק.)

אלפערען, ניו יארק: — אויף וואָס פאר א סומע אינשורענס וועט נויטיג זיין א יורען עקזאַמינייישאָן?

פערעלשטיין, ניו יארק: — וואָרום האָט די בענעפיט קאָמיטע ניט בעריכטעט דעם רעזולטאַט פון דעם ניו יארקער קאָנפערענץ איבער די העכערונג פאר די דאָקטאָר עקזאַמינייישאַנס?

באריס, וועסטשעסטער קאונטי: — צי ווייסט די בענעפיט קאָמיטע, דאָס פאר די קאונטרי ברענטשעס איז אָפט שווער נאָכצוקומען זייער בעשלוס, דאָס די סיק־סערטיפיקייטס זאָלען אין אָפיס אריינגעשיקט ווערען ניט שפּעטער ווי 30 טעג?

אלטמאן, ניו יארק: — די בענעפיט קאָמיטע האָט פערזיכערט, אז פאר די פרייז העכערונג פון עקזאַמינייישאַנס אין ניו יאָרק, וועט מען אויך געבען א יורען עקזאַמינייישאָן; האָט מען עס דורכגעפיהרט?

פר. גאָלדינג פון דער בענ. קאָמ. ענטפערט פאָלגענדעס:

1) די בענ. קאָמ. האָט ניט געצאָהלט פאר ווענערישע קראַנקהייטען דערפאר, ווייל די ברענטשעס האָבען עס קיינמאל ניט פערלאַנגט.

2) א צושריפט איבער די צאָהל פון אונזער אינוואלידען איז צו די ברענטשעס זיכער געשיקט געוואָרען מיט א צייט צוריק און אויב אירגענד א ברענטש האָט עס ניט ערהאַלטען, איז עס ניט אונזער שולד.

3) ער האָט ניט בעריכטעט צום קאָנווענשאָן וועגען די העכערונג פאר די עקזאַמינייישאַנס פון ניו יאָרק, דערפאר ווייל דאָס איז ניט קיין נאַציאָנאַלע פראגע, נאָר א לאָקאַלע.

4) וואָס אנבעלאַנגט דאָס אָננעהמען פון סיק־סערטיפיקייטס נאָך 30 טעג, איז די קאָמיטע אין דיזען פּרט גאַנץ ליבעראַל, אויב א ברענטש שיקט אריין א צופיעדענשטעלענדע ערקלעהרונג ווארום זיי האָבען די סערטיפיקייטס אריינגעשיקט שפעטער.

דאָקטאָר קלימענקאָ פערענדיגט די אנטוואָרטען אויף די אינטערפעלאַציאָנען:

1) די מעדיקאל באָארד האָט פארשטאנען, אז דער א. ר. צאָהלט ניט פאר ווענערישע קראנקהייטען דערפאר, ווייל אויף די סערטיפיקייטס איז דאָ א ספּעציעלער פּונקט וועגען דעם. ער איז אָבער מיט דער מיינונג, דאָס פאר ווענערישע קראנקהייטען דארף יאָ געצאָהלט ווערען.

2) עס איז מעהר ראַטזאַמער דאָס דער אינוואלידען עקזאַמינער זאָל זיין אַן אויטסיידער, כדי די מעדיקאל באָארד זאָל מאַטעריעל ניט זיין פאראינטערעסירט אין דעם.

3) זיי רעקאָמענדירען פרייע עקזאַמינייישאַנס נור פון 40 יאָהר און ווייטער, ווייל צו יענער צייט איז שוין מעגליך צו דערקענען געוויסע קראנקהייטען וועלכע ענטוויקלען זיך שטופענווייז פון דער יוגענד און דער מעמבער האָט א געלעגענהייט באַצייטענס זיך אויסקורירען.

4) וועגען די פראגע וואָס צו טון מיט אנדערע אינוואַלידען, איז דאָס ניט די אויפגאַבע פון דער מעדיקאל באָארד, וועלכע האָט זיך צו בעשעפטיגען נור מיט מעדיצינישע פראגען. וועגען בענעפיטס פאר דיזעלבע, דארף האנדלען די בענ. קאָמ. אָדער די קאָנווענשאָן.

5) די יורען עקזאַמינייישאָן, וועלכע די מעדיקאל באָארד רעקאָמענדירט, איז ניט פאר דער אָדער יענער סומע אינשורענס. עס איז פאר די קראנקען בענעפיט.

די קאָנווענשאָן דריקט אויס איהר דאנק צו דער בענ. קאָמיטע און צו דער מעדיקאל אדוויזאָרי באָארד, א ספּעציעלער דאנק ווערט אויסגעדריקט צו דר. קלימענקאָ.

די קרעדענשעל קאָמיטע בעריכטעט דאן וועגען די אָבזשעקשאָנס אויף א דעלעגאַט צום קאָנווענשאָן פון באַלטימאָר. די באַלטימאָרער קייס איז פאָרגעקומען אויף אַזאַ אָרט:

— אין א געוויסען ברענטש איז בעשטימט געוואָרען דאָס די אָבשטימונג זאָל געמאַכט ווערען אין פאַרטזעצונגען. ביין ערשטען מיטינג, קליימט דער ברענטש, זיינען געווען 53 מעמבערס. דער באַלאָט איז אָבער אין אָפיס אריינגעשיקט געוואָרען מיט 60 שטימען.

די קרעדענשעל קאָמ. האָט בעשלאָסען דיזען באַלאָט אין גאַנצען צו קענסלען און דעם בעטרעפענדען דעלעגאַט ניט צו אנערקענען. אנשטאָט איהם זאָל צוגעלאָזען ווערען פר. גלאַזמאַן פון בר. 67.

נעהמענדיג אָבער אין אכט, אז די נאַצ. גריוועגס האָט ענטשיעדען צו אנערקענען 53 שטימען פון אויבענדערמאָנטען באַלאָט און דאדורך וואָס ער איז אנערקענט געוואָרען אלס דעלעגאַט האָט ער געהאַט עקספּענסעס צום קאָנווענשאָן, רעקאָמענדירט די קאָמיטע איהם אויסצוצאָהלען די רייזע קאָסטען הין און צוריק צוזאַמען מיט זיינע עקספּענסעס ביז יעצט.

דער רעפּאָרט ווערט פון קאָנווענשאָן אָנגענומען.

די קאָמיטע בעריכטעט דאן פאָלגענדע רולס און רעגולייישאַנס:

1) די מיטינגען זאָלען זיך אָנפאַנגען 9.30 מאָרגענס ביז 1 נאָכמיטאג און פון 2.30 ביז 6 נאָכמיטאג.

2) די קאָנווענשאָן זאָל איינגעטיילט ווערען אין פאָלגענדע 10 קאָמיטעס:

קאָמ. אף אָפיסערס רעפּאָרטס פון 9 פערזאָן.
קאָנווענשאָן פרעס קאָמ. פון 7 פערזאָן.
רעזאָלוציאָנס קאָמיטע פון 9 פערזאָן.
פערוואַלטונגס קאָמיטע פון 13 פערזאָן.
פרעס און עדיוק. קאָמ. פון 11 פערזאָן.
אָרגאַניזיישאָן קאָמיטע פון 13 פערזאָן.
קראַנקען בענעפיט קאָמ. פון 15 פערזאָן.
קאָנווענשאָן קאָמיטע פון 7 פערזאָן.
ליגאל קאָמיטע פון 11 פערזאָן.

3) מיטוואָך זאָל קיינע זיצונגען ניט געהאַלטען ווערען, אין פריהמאָרגען זאָלען די דעלעגאַטען זיין פריי צו בעקוקען די שטאָדט און נאָכמיטאג זאָלען מיטען די קאָנווענשאָן קאָמיטעען.

4) די רעזאָלוציאָנס קאָמיטע זאָל נעהמען אין אנבעטראַכט די אונגעהוירע עקספּענסעס פון די דעלעגאַטען.

גענאָסע מאָריס הילוקיט זאָל צוגעלאָזען ווערען צום קאָנווענשאָן אלס פערטרעטער פון דער ס. פּ. וועמען זיי ערוואַרטען מאָרגען פריה. אויך זאָל צוגעלאָזט ווערען פר. צוקערמאַן, וועלכער וועט די קאָנווענשאָן בעגריסען אין נאָמען פון די קעפּ מייקערס יוניאָן.

דער רעפּאָרט פון דער קאָמיטע ווערט גוטגעהייסען מיט פאָלגענדע ענדערונגען:

דאָס די עלעקשאָן קאָמיטע בעלאַנגט צום קרעדענשעל קאָמיטע און די קאָנווענשאָן פרעס קאָמיטע בעלאַנגט צום סעקרעטאַריאַט, און די דיסטריביושאָן קאָמיטע זאָל נעהמען אין אכט די צרויספּאַלונג פון דיזער צוויי קאָמיטעען און פאַנאַנדערטיילען די דעלעגאַטען צווישען די אנדערע קאָנווענשאָן קאָמיטעען.

עס בעגריסט די קאָנווענשאָן גענ. גאָלדבערג אין נאָמען פון דעם אידישען סאָצ. ברענטש פון פּיטסבורג, און דאן געהט די קאָנווענשאָן איבער צו דעם רעפּאָרט פון די נייישאָנאל באָארד אָוו דירעקטאָרס.

—

## בעריכט פון דער נייישאָנאל באָארד אָוו דירעקטאָרס.

פר. שקלאָווין פון דעטראָיט בעריכט־אָבגעבער.

צוערשט וויל איך אויסדריקען דעם וואונש פון אונזער באָארד, דאָס פרידען און הארמאָניע זאָל הערשען אויף'ן קאָנווענשאָן ווי אויך אין אלע ברענטשעס פון א. ר. היינט איז ענדליך פערווירקליכט געוואָרען מיין העכסטע אמביציאָן צו האָבען די עהרע, צו בעריכטען צו א קאָנווענשאָן פון דעם גרעסטען אידישען ארבייטער אָרדען אין דער וועלט.

עס איז די מיינונג פון א סך מעמבערס פון א. ר. דאָס די נ. ב. איז בלויז אַן אָרנאַמענט פצר'ן א. ר. עס איז אָבער ניט

דיכטיג. די נ. ב. איז זעהר אַ וויכטיגע קאָמיטע. זי רעפּרעזענטירט די נאַצ. ע. ז. קאָמ. אין אַלע סטייטס; זיי זיינען די דורך וועלכע די עקזעקוטיווע קומט אין בעריהרונג מיט אַלע מעמבערס.

די בעריכטען פון די פערשיעדענע דעפּאַרטמענט קאָמיטען, זיינען העכסט ערפרייענד. עס צייגט אַז אַ סך גוטע אַרבייט איז אויפגעטון געוואָרען.

די בעציהונגען צווישען דער עקזעקוטיווע און די נ. ב. זיינען געווען פריינדליכע. אַ געמיינשאַפטליכער מיטינג פון דער עקז. און די נ. ב. איז געהאַלטען געוואָרען איבער די פּראָגען פון דעם קאַמפּיין פאַר 10,000 נייע מעמבערס אין א. ר. אין וועגען די פערפליכטונג פון דער עקז. דאָס דער אַר. ר. זאָל שאַפען 25,000 דאָלאַר פאַר די מלחמה קרבנות, און עס קומט פיעל קרעדיט דער עקזעקוטיווע פאַר דורכפיהרען ביידע פּלענער.

אַפּיעלס האָבען זיי דעם לעצטען יאָהר געהאַט נור 3. וואָס דאָס איז אַ גוטער בעוויז, אַז אויך אין די בּרענטשעס האָט דעם יאָהר געהערשט פולע האַרמאָניע.

די אַפּיעלס האָבען געטראָגען פאָלגענדען כאַראַקטער:

1) די עקז. האָט ענטשיעדען דאָס פּאַציענטען פון סאַניטאָריום וועמעס טערמין האָט זיך געענדיגט בעפאָר דעם 17טען יולי, 1917 — דער טאָג ווען דער בעשלוס פון 9 מאָנאַטען סאַניטאָריום איז אריין אין קראַפט — זיינען ניט בערעכטיגט צו די עקסטראַ 3 מאָנאַטען. אַ געוויסער ברענטש האָט צו זיי אַפּעלירט געגען דער עקז. און זיי האָבען דעם אַפּיעל צוריקגעוויזען און גוט געהייסען די ענטשיידונג פון דער נאַצ. עקזעקוטיווע.

2) אין אַ געוויסען ברענטש איז אַ מעמבער געווען קראַנק אויף קאָנסאָמפּשאָן איינינגע טעג בעפאָר ער איז געווען 6 מאָנאַטען אַ מעמבער, די עקזעקוטיווע האָט ענטשיעדען, דאָס ער איז בערעכטיגט צו קאָנסאָמפּשאָן בענעפיט נאָך די 6 מאָנאַטען.

געגען דיזער ענטשיידונג איז אַפּעלירט געוואָרען צו דער אַלטער נ. ב. א. ד., וועלכע האָט ענטשיעדען דאָס דעם מעמבער קומט ניט קיין בענעפיט ווייל זיין קראַנקהייט האָט זיך אָנגעפאַנגען ווען ער איז נאָך ניט געווען 6 מאָנאַטען קיין מעמבער. די קייס איז ווידער פאָרגעקומען בעפאָר די יעציגע נ. ב. און די נייע נ. ב. האָט ענטשיעדען דאָס אַזוי לאַנג ווי דיזע קייס איז שוין פערהאַנדעלט געוואָרען ביי דער פאָריגער נ. ב. קענען מיר די זעלבע קייס נאָך אַמאָל ניט אויפנעהמען.

דער דריטער פאַל קען ניט גערופען ווערען קיין דירעקטער אַפּיעל, ווייל די נ. ב. האָט נור געהאַנדעלט אין דער פּרינציפּיעלער טעאָרעטישער זייט פון דיזער פראַגע:

די פאָריגע נ. ב. האָט אויף אַן אַפּיעל ענטשיעדען, דאָס דער אָנקלעגער האָט קיין רעכט צו אַפּעלירען צו דער עקז., פאַלס דער ברענטש וועיזט זיין קלאַגע צוריק, ווייל דאָס רעכט צו אַפּעלירען געהערט נור צום אָנגעקלאָגטען אָבער ניט צום אָנקלעגער. די נייע נ. ב. האָט איינגעזעהן די מיספערשטענדניסע צו וועלכע אַזאַ צושטאַנד קען ברייגען און דאַרום רעקאָמענדירט די נ. ב. דאָס די קאָנסטיטושאָן זאָל אַמענדירט ווערען אַזוי, דאָס אויך דער אָנקלעגער זאָל קענען אַפּעליערען.

פר. שקלאַווין געהט דאַן איבער צו די רעקאָמענדיישאָנס פון דער נ. ב. ער צייגט די נויטווענדיגקייט צו רייזען דעם עדיוקיישאָנאַל און אָרגאַניזיישאָן פאָנדס. דער א. ר. ווערט גרעסער און דערמיט ווערט פערגרעסערט די פאָדערונג פאַר עדיוקיישאָן דערצו איז פיעל געשטיעגען די קאָסטען פון דרוק און דער פרייז פון לעקטשורערס; דאָס זעלבע איז מיט אונזער אָרג. אַרבייט, וועלכעס אַ דאַנק די יעצטיגע אונזיכערע אומשטענדען, קומט אָן פיעל שווערער און פאָדערט ניט דעם ערך מעהר כחות.

בעגרינדענדיג די רעקאָמענדיישאָן צו העכערען די קאָנסאַמפּשאָן בענעפיט, אונטערשרייכט ער דעם שרעקליכען צושטאַנד אין וועלכען די קאָנסאַמפּטיווס וועלכע קענען ניט אַריין אין סאַניטאָריום געפינען זיך. דער קאָנסאַמפּשאָן פאָנד האָט יעצט אַ גרויסען סורפּלוס און מען קען דאַרום רייזען דעם בענעפיט, אָהנע צו העכערען די אַסעסמענטס.

ער שטעלט זיך דאַן אָפּ אויף דער רעקאָמענדיישאָן צו העכערען די רייזע קאָסטען פון די נ. ב. א. ד. אום צו געבען אַ מעגליכקייט, די יעניגע דירעקטאָרען וועלכע קענען ניט אַפאָרדען צו פאָהרען אויף זייער אייגענעם פאַקעט, אַז זיי זאָלען קענען רעגעלמעסיג קענען קומען צו די צוזאַמענפאָהרען פון די נ. ב. א. ד., וועלכע זיינען אַצינד רעדוצירט געוואָרען אויף צוויי מאָל אַ יאָהר.

אינטערפּעלאַציאָנען.

זאַלקינד, ניו הייווען: — וואָס פאַר אַ צווייסטיגקייטען זיינען פאָרגעקומען צווישען דער נאַצ. עקז. און די נ. ב. וואָס די נאַצ. עקז. האָט געדאַרפט שיקען איהרע אַ קאָמיטע קיין קאָנעטיקוט?

פר. שקלאַווין ענפערט דאָס ער ווייסט ניט פון קיינע צווייסטיגקייטען. די בעציהונגען צווישען דער נ. ב. און די נאַצ. עקז. זיינען — אויף וויפיעל ער ווייסט — געווען זעהר פריינדליכע.

דער בעריכט ווערט איבערגעגעבען צו דער קאָמיטע אָן אָפּיסערס רעפּאָרט.

### 4־טע זיצונג.

דיענסטאַג, 10 אוהר מאָרגענס. אַלס טשערמאַן ווערט ערוועהלט פר. מ. פאַלין, פילאַדעלפיע און וויים טשערמאַן פר. גערשאַנאָוו, נואַרק.

עס ווערט צוגעלאָזען פ. סלייטער, אַ מעמבער פון דער ס. פ. וועלכער לעגט פאָר צו קויפען שעהרס אין אַ קאָרפּאָריישאָן צו פּראָדוצירען אַ געוויסע מאָאווינג פּיקטשור. דער פּלאַן איז אינדאָרסירט פון פאַרשיעדענע יוניאָנס. איבערגעגעבען צו דער רעז. קאָמ.

דער טשערמאַן לעזט פאָר אַ מעלדונג פון סעק. בר. 283 פילאַדעלפיא, דאָס זייער אַ מעמבער איז גע'הרג'עט געוואָרען פון אַ מאָטאָר־טראָק, דער טשערמאַן פאָדערט אויף די אַנוועזענדע זיך אויפצושטעלען אין זיין עהרע.

גענ. שיפּליאַקאָוו ערשיינט אין האָל און ווערט בעגריסט פון אַלע דעלעגאַטען. דער טשערמאַן לאַדעט איהם איין צו פערנעהמען אַ פּלאַץ אויף דער פּלאַטפאָרמע.

דער פּראָטאָקאָל פון דער דריטער זיצונג ווערט דאַן פאָרגעלעזען און גוט געהייסען.

פר. צוקערמאַן, סעק. פון די קעפּ מייקערס יוניאָן, וועלכער ערשיינט אין קאָנווענשאָן האָל ווערט פון טשערמאַן איינגעלאַדען אַרויפצוקומען אויף דער פּלאַטפאָרמע.

עס ווערען דאַן פאָרגעלעזען פאַרשיעדענע בעגריסונגס־טעלעגראַמען.

פר. וויינבלאַט, פון דער גריוועגס קאָמיטע גיט דאַן אָפּ דעם רעפּאָרט פון זיין קאָמיטע.

ער מאַכט אָנפאַנגס איינינגע ערקלערונגען וועגען דער האַנדלונג פון דער קרעדענשעל קאָמ. בעצוג דעם דעלעגאַט פון באַלטימאָר. עס איז זיין מיינונג דאָס די גריוועגס קאָמיטע האָט געהאַנדעלט אין אַנקלאַנג מיט דער קאָנסטיטושאָן ווען זי האָט ערלויבט צו רעכענען דעם באַלאָט אַלס אַ געזעצליכען בלויז מיט 53 שטימען אנשטאָט 60 שטימען, ווייל פאַר אונוויסענהייט קומט קיינעם ניט בעשטראָפען, אויב דער בר. האָט גערעכנט אַז זיי מעגען שטימען מעהר ווי ביי איין מיטינג, טאָרען מיר דאַדורך ניט צונעהמען אויך דיזע געזעצליכע שטימען וואָס זיינען אָפּגעגעבען ביים ערשטען מיטינג.

פר. וויינבלאַט בעציהט זיך אויף זייער געשריבענעם רעפּאָרט, שטעלט זיך אָפּ אויף דעם אוידיטינג רעפּ. ער איז אין דער מיינונג, דאָס דיזער רעפּ. איז אַן אַבסאָלוטע נויטווענדיגקייט און איז ניט איינפערשטאַנען מיט דעם אָפּיס קאָמ., וואָס גלויבט ניט אין דער גרויסער נויטווענדיגקייט פון אַזאַ רעפּ.

ער פערענדיגט דעם רעפּאָרט מיט דער ערקלעהרונג, דאָס די גריוועגס קאָמיטע האָט געטון איהר אַרבייט עהרליך און געטריי צו די אינטערעסען פון אַר. ר. אַזוי גוט ווי זייער פעהיגקייט און זייער פערשטאַנד האָבען זיי דיקטירט. דער רעפּאָרט ווערט איבערגעגעבען צו דער קאָמ. אָן רעפּאָרטס.

פר. וואלאס, קרעדענשעל קאָמ. רעפּאָרטעט דאָס דער דעלעגאט פון טרענטאָן האָט צוגעשיקט אַ טעלעגראַמע דאָס ער קאָן ניט קומען און זיי רעקאָמענדירען ארויסצורופען א. סאָלאָוויי פון בר. 208. רעקאָמענדיישאָן גוט געהייסען.

פאָלגענדע אינטערפּעלאציאָנען זיינען געשטעלט געוואָרען צו דער גריעווענס קאָמיטע.

זילבערשטיין, שיקאגאָ: ווארום האָט אַ געוויסע קייס פון זייערען אַ ברענטש האָט גענומען 6 מאָנאטען ביז די קאָמיטע האָט ארויסגעגעבען איהר ענטשיידונג?

בענענסאָן, שיקאגאָ: מיט וואָס פאר אַ רעכט האָט די גריעווענס קאָמ. געגעבען צום בר. פון באלטימאָר 53 שטימען?

זאלקינד, ניו הייווען: ווארום זאָל די גריעווענס קאָמ. ניט אינפאָרמירען דער פינאנס ברענטש קאָמ. ווען די ביבער דארפען אונטערזובט ווערען פון אָפיס?

לעוויטאן: —וואָס זיינען די אורזאבען וואָס דער אוידיטינג דעפּ. איז איבערגעגעבען געוואָרען צו דער אָפיס קאָמיטע?

איוועננסקי: ווי אזוי ווייס די גריעוועגס קאָמ, וועגען די גוטסקייט אָדער שלעבטסקייט פון דעם אוידיטינג דעפּארטמענט, וועהרענד דיזער דעפּ. האָט דאָך בעלאנגט צו דער אָפיס קאָמיטע?

סטאהל, הארטפאָרד: זיינען געוועזן ברענטשעס וועלכע האָבען זיך ענטזאגט צו שיקען די ביכער צום אוידיטינג דעפּ?...

פעלאָוויטש, באלטימאָר: ווארום האָט די גריעווענס קאָמ. גענומען אין אנבעטראַבט דעם סטייטמענט פון ברענטש און ניט דעם סטייטמענט פון דער סיטי קאָמ. וועלבע האָט די קיים אונטערזוכט?

קאָהן, פילאדעלפיע: —ווי לאַנג נעהמט דאָס דעם אוידיטינג דעפּ. צו אונטערזובען די ביבער פון אַ ברענטש?

פאוולאָוו, פּראָווידענס: — ווארום נעהמט ניט די גריווענס קאָמיטע קיין שטעלונג צו אַ סעק. ווען זי געפינט אויס, אז ער קאָן ניט פיהרען קיין ביבער?

אלטמאן, ניו יאָרק: — האָט די גריוועגס קאָמיטע פארהאנדעלט וועגען דער קייס פון בר. 600 וועגען קאָנסאמפּשאָן בענעפיט?

לעווין, קליוולאנד: ווארום טשארדזשעט דער אָפיס צום ברענטש פאר אונטערזוכען די ביבער?

דראפּקין: — ווי ערקלערט זיך די האנדלונג פון דער קאָמ. ווען די קייס פון בר. 263 האָט זי געהאנדעלט לויט דעם בובשטאב פון געזעץ וועהרענד אין דער קייס פון באלטימאָר האָט די קאָמיטע געהאנדעלט לויט יושר און ניט לויט דעם געזעץ?

פר. ווײנבלאט ענטפערט אויף אלע אינטערפּעלאציאָנען ווי פאָלגט:

— די קייס פון שיקאגאָ האָט זיך פארצויגען דאפיר, ווייל די קייס איז געווען אַ קאָמפּליצירטע און איז געווען אין די הענד פון דער סיטי קאָמ. פון שיקאגאָ, וועלבע האָט די קייס פארצויגען.

וועגען דער קייס אין באלטימאָר האָט די קאָמ. ניט געקאָנט נעהמען אין אנבעטראבט די סיטי קאָמ. ווייל זי האָט קיינע בעווייזע ניט צוגעשטעלט וועהרענד דער בר. האָט צוגעשטעלט אָפיציעלע דאָקומענטען.

וואָס אנבעלאנגט די אויסטייטשונג פון דער קאָנסטיטושאָן איז דאָס אייגענטליך די ארבייט פון דער גריווענס קאָמ. און אויב אירגענד ווער איז ניט איינפערשטאנען מיט זייער אויסטייטשונג איז דאָס ניט זייער שולד. זיי טייטשען אויס ווי זיי פארשטעהן. די קאָמיטע לאָזט אלע מאָל וויסען דעם בר. וועגען די פעהיגקייטען אָדער אונפעהיגקייטען פון אַ סעק. אָבער די ברענטשעס שענקען ווייניג אויפמערקזאמקייט.

רעפּאָרט פון דער גריווענס קאָמיטע ווערט איבערגעגעבען צו דער קאָמיטע אָף אָפיסערס רעפּאָרטס.

פר. פריימאן פון דער אָפיס קאָמיטע רעפּאָרטעט:

ווען מיר האָבען איבערגענומען דעם אָפיס, לעצטען יאָהר, איז שוין אונזער לאנד געווען אין מלחמה און פאר'ן אר. ר. איז דאָס געווען אַ גרויסע פּראָבלעמע, ווייל ארום 24 טויזענד מעמבערס פון א. ר. זיינען אין די יאָהרען צווישען 21 און 31. עס איז פאר אונז אונבעדינגט נויטווענדיג געוואָרען זיך צו בעקענען געגנויע וויפיעל אונגעפעהר קאָנען מיר ערווארטען געדרעפטע מעמבערס.

מיר האָבען דארום ארויסגעשיקט צושריפטען צו די ברענטשעס וועגען דער פראגע.

ליידער זיינען די ברענטשעס ניט געווען פּינקטליך אין זייערע ענטפערס. בלויז 265 ברענטשעס האָבען געענטפערט און פון דיזע האָט זיך ארויסגעצייגט אז 2842 מעמבערס קאָן מען ערווארטען צו ווערען געדרעפטעט. פאר אונז איז נויטיג געווען צו זוכען מיטלען און וועגען ווי אזוי צו בעוואָרענען די געדרעפטעטע מעמבערס אום זיי זאָלען ניט דארפען געשטראָכען ווערען און מיר האָבען ארויסגעשיקט אַ רעפערענדום צו די ברענטשעס וועגען אַ ספּעשעל טעקס פון 10 סענט אַ קווארטאל פאר יעדען מעמבער צו בעצאָהלען די בילס פון די געדרעפטעטע. דער רעפערענדום איז, ווי בעקאנט דורכגעגאנגען מיט אַ גרויסער מעהרהייט.

וועגען פראטוירנאל רייטס:

אזוי שנעל ווי דער רעפערענדום איז דורכגעגאנגען האָבען מיר אין אַ גאנץ קורצער צייט, נעהמליך, 2-3 וואָכען, געמוזט איינפיהרען דעם נייעם סיסטעם און אָבוואָל די ארבייט איז געווען אַ שווערע און אַ גאנץ קאָמפּליצירטע איז אונז דאָך געלונגען דעם סיסטעם איינצושטעלען און ער ארבייט שוין אויסגעצייבענט.

וועגען עקאָנאָמיע אין אָפיס.

אָבוואָל אין די אלגעמיינע אויסגאבען, ווען מען פארגלייבט די טאָטאלס, זיינען דיזען יאָהר די אויסגאבען געווען גרעסער ווי לעצטען, ווען מען נעהמט אָבער איין אנבעטראבט די גרעסערע פערגרעסערונגען אין די עקספּענס, וועלכע זיינען געוואָרען נויטווענדיג, אַ דאנק די יעצטיגע אומשטענדען, למשל, פּאָסטיידזש און ארום 36 דאָלאר אַ וואָך וואָס איז געצאָהלט געוואָרען צו די אָפיס אָנגעשטעלטע זיינען די עקספּענסעס אין אָפיס דיזען יאָהר פארקלענערט געוואָרען.

מיר האָבען לעצטען יאָהר געקויפט פאר 170 טויזענד דאָלאר באָנדס און ביים איינקויפען די באָנדס האָבען מיר אַלע מאָל געזעהן זיך צו בענוצען מיט די גינסטיגע אומשטענדען פון מארקעט.

ער צייגט אויך אָן אויף געוויסע ענדערונגען וואָס זיינען געמאבט געוואָרען אין די פיהרונגען פון אָפיס, אזוי זיינען, אויף דער רעקאָמענדיישאָן פון אודיטאָר, געוויסע געלדער געטרענספערט געוואָרען פון איין פאָנד צו אַ צווייטען אום אויסצומיידען געוויסע קאָמפּליצירונג אין די בוך־פיהרונג פון אָפּ ס.

וואָס אנבעלאנגט דעם אוידיטינג דעפּ. איז די מיינונג פון דער קאָמיטע דאָס מיט דער סומע וואָס איז בעשטימט פאר דיזען דעפּ. נעהמליך 1.500 דאָלאר איז ווייט ניט גענוג צו טון די ארבייט ווי עס וואָלט נויטיג געווען. און אויב די מעמבערס ווילען האָבען אַן אוידיטינג דעפּ. וואָס זאָל טון זיין ארבייט פּאָלקאָם ווערט די קאָנווענשאָן מוזען בעשטימען אַ גרעסערען בודזשעט.

פר. איוועננסקי, אַ דעלעגאט צום קאָנווענשאָן, וועלכער איז דער טשערמאן פון דער אָפיס קאָמ. מאבט איינינע צוזאצונגען צום רעפּאָרט, וועלכע בעציהען זיך ספּעציעל וועגען דעם אוידיטינג דעפּארטמענט.

ער זאָגט, דאָס דער דעפּ האָט אמת אַ סך מעלות, ער האָט אָבער אויך פיעלע חסרונות. די מעלות זיינען, דאָס דורך דעם אוידיטינג דעפּ. קאָנען פארגליבען ווערען פארשיעדענע איינגאהמען און אויסגאבען וועלבע זיינען פארבונדען מיט דעם אָפיס. עס קען אויך געטשעקט ווערען די מעמבערס אין סיק בענעפיט.

זיינע חסרונות אָבער בעשטעהן אין דעם וואָס ער האָט קיין פּאסענדען סטעף איהם צו פיהרען און אויב מיר ווילען דיזען דעפּ. מאבען פאר פאָלקאָם מוזען מיר באזייטיגען די חסרונות און דערצו איז נויטיג אַ גרעסערען בודזשעט, אַ פיעל גרעסערען פון דעם וואָס ער האָט. און עס איז פאר דער קאָנווענשאָן צו בעשטימען דעם דעפּ. אויפצוגעבען אָדער צו בעשטימען אַ גרעסערען בודזשעט.

דער טשערמאן נעהמט דאן פאר נאָמינײשאָנס פאר טשער־

מען פאַר דער קומענדער זיצונג און פר. קורהאן פון ניו יאָרק, ווערט אַלס אַזעלכער ערוועהלט.

דערמיט ווערט די 4טע זיצונג געשלאָסען.

## 5טע זיצונג, דינסטאג נאָכמיטאג, מאַי דעם 7טען.

די 5טע זיצונג ווערט ערעפענט אונטער דער פאָרזיץ פון פר. ר. קורהאן און וויים טשערמאַן פר. זילווערמאַן פון שיקאַגאָ.

עס ווערט פאָרגעלעזען דער פראָטאָקאָל פון פאָריגער זיצונג און ווערט אָנגענומען מיט א קאָרעקשאַן, דאָס עס פעהלט דער סטייטמענט וועגען דעם געמיינשאַפטליכען קאָנפערענץ מיט די אַנדערע אָרדענס.

פאָלגענדע אינטערפעלאַציאָנען ווערען געשטעלט דער אָפיס קאָמיטע:

פערלאָוויטש, ניו יאָרק: — ווי קומט עס, וואָס די אָפיס קאָמ. דערצעהלט נור פון די חסרונות פון דעם אוידיטינג דעפּ. און ניט זיינע מעלות? ווארום רעקאָמענדירט די קאָמ. דעם אוידיטינג דעפּ. אינגאַנצען אָפּצושאַפען און ברענגט ניט בעסער קיין רעקאָמענדיישאָנס ווי אַזוי איהם אויסצובעסערן? ווארום ניט רעקאָמענדירען צום קאָנווענשאָן צו בעשליסען דאָס ברענטשעס זאָלען אויפ׳ן פערלאַנג פון אָפיס, מוזען שיקען זייערע ביכער אונטערצוזוכען?

סאַשאַנסקי, נוארק: — ווי אַזוי דענקט די קאָמ. צו לעזען די פראַגע צו אונטערזוכען די ביכער אין א ברענטש וואו א לאָקאַלע קאָמ. ען דאָס אליין ניט טון?

פאַרנעט, באָפאַלאָ: — צו וואָס דאַרף דער אוידיטינג דעפּ. א בודזשעט ווערענד פאַר אונטערזוכען ביכער ווערען די ברענטשעס עקסטרא. געטשארדזשעט?

לאַנגער, ניו יאָרק: — ווארום רעפּאָרטעט ניט די קאָמ. די רעזולטאַט פון די ברענטש ביכער אונטערזוכונגען? ווארום פערלאַנגט ניט די קאָמיטע בעסער צו העכערען דעם בודזשעט פאַר דיזען דעפּאַרטמענט אנשטאָט איהם אָפּצושאַפען?

סטאָהל, האַרדפאָרד: זיינען געוועזען וועלכע פעלע, וואו דער אָפיס האָט פאַרלאַנגט ברענטש ביכער צום אונטערזוכען און די ברענטשעס האָבען זיך ענטזאַגט זיי צו שיקען?

פאַזעס, ניו יאָרק: — ווארום דענקט די קאָמיטע אַז נור פּראָפעשאַנעלס זאָלען אונטערזוכען ברענטש ביכער, זיינען אַלטע פעהיגע סעקרעטערע ניט גענוג דערצו?

סיגעל, פיטסבורג און גאָרעליק, ניו יאָרק: — דענקט ניט די קאָמ. אַז די ברענטש סעקרעטערע, וויסענדיג אַז עס איז דאָ אַן אוידיטינג דעפּאַרטמענט, זיינען זיי מעהר פאָרזיכטיג פיהרענדיג די ביכער?

בענענסאָן, שיקאַגאָ: — האָט די אָפיס קאָמיטע אירגענד אַן אַנדער פּלאַן צו פערנעהמען דעם פּלאַץ פון דעם־אוידיטינג דעפּאַרטמענט?

לעווין, קליוולאַנד: ווארום זיינען נאָך ביז היינטיגען טאָג, ניט ארויסגעשיקט געוואָרען די קאָנסטיטושאָנס צו די מעמבערס?

נודעלמאַן, ניו יאָרק: — ווארום האָט די אָפיס קאָמיטע אָבגעשאַפט די יוניפאָרם דריי מאָנאַטליכע סטייטמענטס דורך וועלכע דער אָפיס האָט געקענט האָבען אַזאַ גוטע קאָנטראָל איבער די פערשיעדענע איינאַהמען און אויסגאַבען פון די ברענטשעס?

פאַלמער, ווילקעסבאַר: — מיט וועלכען רעכט האָט דער אָפיס געפאָדערט ביי אונז די ברענטש ביכער אין דער צייט וואָס אונזערע שולדען צום אָפיס זיינען פינקטליך געצאָהלט געוואָרען?

ליכטמאַן, פילאַדעלפיע: — וועט דער דרעפט טעקס פאָנד, בענוצט ווערען צו צאָהלען די בילס פון די געדרעפטעטע מעמבערס, אָדער אויך צו העלפען זייערע פאַמיליעס?

לובאַרטאָווסקי, קענזעס סיטי: ווארום האָט דער אָפיס אין איין צושריפט געשריבען, אַז מען וועט די געדרעפטעטע גוטמאַכען אַלע דיוס און אין א צווייטען, אַז די לאָקאַלע דיוס. וועלען די ברענטשעס זעלבסט דאַרפען גוטמאַכען?

אַלפערן, ניו יאָרק: — ווארום פערלאַנגט דער אָפיס וועגען די געדרעפטעטע אַזעלכע איינצעלהייטען, צום ביישפּיעל, וואו זיי געפינען זיך צו יעדער צייט א. ז. וו. וואָס דאָס איז פאַר די ברענטשעס אַן אוממעגליכקייט נאָכצוקומען?

לעוויטאַן, ניו יאָרק: — ווארום מאַכט די עקז. אַן אונטערשיעד צווישען די געדרעפטעטע וועלכע בעלאַנגען שוין אין אר. ר. 6 מאָנאַטען און די וועלכע בעלאַנגען נאָך ניט קיין 6 מאָנאַטען?

בעצאָהלער, ניו יאָרק: — וועט פון דיזען דרעפט פאָנד אויך געצאָהלט ווערען די דיוס פון די געדרעפטעטע צום פיונעראַל דעפּאַרטמענט?

פר. פריימאַן ענטפערט אויף די אינטערפעלאַציאָנען:

— אַלע אינטערפעלאַציעס וועלכע בעציהען זיך צו דעם אוידיטינג דעפּ. וואָלטען ניט געשטעלט געוואָרען ווען די פראַגען־שטעלער וואָלטען מיט מעהר אויפמערקזאַמקייט געלייענט דעם רעפּאָרט.

— דער פאַקט איז, דאָס די אָפיס קאָמ. רעקאָמענדירט ניט אָפּצושאַפען דעם אוידיטינג דעפּאַרטמענט. די קאָמ. האָט בלויז פעסטגעשטעלט דעם פאַקט דאָס מיט דעם בודזשעט וואָס דיזער דעפּ. האָט קאָן ער די ארבייט ניט טון פאָלקאָם און אויב די קאָנווענשאָן גלויבט אַז אַזאַ דעפּ. איז נויטיג, זאָל דערפאַר בעשטימט ווערען א גרעסערער בודזשעט. אַז די ארבייט פון דעם אוידיטינג דעפּ. איז נויטיג, בעווייזט דער פאַקט אַז פון די אַלע אונטערזוכטע ביכער זיינען בלויז 10 פּראָצענט געוועזען אין פאָלשטענדיג גוטען אָרדנונג.

— די קוואַרטאַל אוידיטינג סטייטמענטס זיינען ניט אָפּגעשאַפט געוואָרען פון זייער קאָמ., נאָר נאָך מיט צוויי יאָהר צוריק.

— די ברענטשעס ווערען געטשאַרדזשד נור דאַן, ווען זייערע ביכער דאַרפען אונטערזוכט ווערען פאַר מעהר ווי צוויי קוואַרטאַלען. דער פאַקט, דאָס די גאַנצע איינאַהמע פון די טשאַרדזשעס פאַר׳ן גאַנצען יאָהר האָט בעטראָפען ניט מעהר ווי ארום 167 דאָלאַר.

— די קאָנסטיטושאָנס זיינען שוין ארויסגעשיקט געוואָרען צו 250 ברענטשעס. די ארויסשיקונג ווערט פאָרטגעזעצט יעדען טאָג.

— וואָס אַנבעלאַנגט אַלע אינטערפעלאַציאָנען וועגען דעם דרעפט טעקס, בעלאַנגט עס צו דער גאַנצער עקז. וועלכע וועט זיי פערענטפערען.

די קרעדענשעל קאָמיטע רעקאָמענדירט צוצולאָזען גענ. שיפּליאַקאָוו, דער פערטרעטער פון דער סאָצ. גרופּע פון דער ניו יאָרק סטייט לעדזשיסלייטשור.

גענ. שיפּליאַקאָוו ערקלערט, דאָס ער פערטרעט ניט בלויז האַלב אָפיציעל די סאָצ. גרופּע פון דער ניו יאָרקער אַסעמבלי, נאָר אויך דעם בראָנזווילער לייבאָר לייסעאום אסס׳ן און די ליבערטי דרעפענס יוניאָן. וועגען דעם לייבאָר לייסעאום האָב איך אייך ניט פיעל צו זאָגען, איהר ווייסט אַלע וואָס דיזער אינסטיטושאָן בעדייטעט פאַר די ארבייטער אין בראָנזוויל און איסט ניו יאָרק.

וועגען דער סאָציאַליסטישער גרופּע אין דער אַסעמבלי קאָן איך אייך בלויז זאָגען, דאָס אָבוואָל די אינסטיטושאָן איז בלויז א סטייט אינסטיטושאָן ווערט אָבער די ערוועהלטע גרופּע סאָציאַליסטען בעטראַכט אַלס די פערטרעטערין פון דער ארבייטער קלאַס פון גאַנצען לאַנד. דיזע גרופּע פאַרטרעט געטריי און עהרליך דעם ארבייטער קלאַס אין דער אַסעמבלי, און אין זייער ערוועהלונג האָט דער אר. ר. זיכער א גרויסען חלק אויב ניט דעם גרעסטען נאָך דער פּאַרטיי.

וואָס אַנבעלאַנגט די ליבערטי דרעפענס יוניאָן איז דאָס אַזאַ אָרגאַניזאַציאָן וועלכע איז געשאַפען געוואָרען א דאַנק די יעצטיגע צושטענדע און וועמעס אויפגאַבע איז צו פערטיידיגען דיזע אונשולדיגע מענשען וועלכע ווערען פערפאָלגט פון קאַפּיטאַל בלויז דערפאַר ווייל זיי גלויבען אַז דאָס פאָלק ווערט אין דיזער מלחמה בערויבט פון די קאַפּיטאַליסטען. עס איז אין קיין פאַל ניט די אַבזיכט פון דער יוניאָן זיך אָנצונעהמען פאַר די פערזאָנען וועלכע בעזיצען ניט טאַקט גענוג, און זאָגען אָדער טון זאַכען וועלכע דאַרפען ניט געטון ווערען. אין דער יוניאָן זיינען פערטראָטען מענשען אין וועמעס איבערגעגעבענהייט אין

געטרייזשאַפט צו דיזען לאַנד קאַן קיין צווייפעל ניט זיין, מענשען וועלכע אונטערשטיצען און ארבייטען מיט דעם גרעסטען ענטהוזיאזם פאַר דער יעצטיגע מלחמה מיט דייטשלאַנד און זיי נויטיגען זיך אין אַ פאָנד פאַר זייער ניצליכע ארבייט צו פערטיידיגען אונשולדיגע מענשען פון וועלכע קאַפּיטאַל זוכט יעצט אַ געלעגענהייט פטור צו ווערען.

אין בעגריסענדיג די קאָנווענשאַן אין דעם נאָמען פון די אויבענדערמאָהנטע אָרגאַניזאַציאָנען, ווינשט גענ. שיפּליאַקאָוו דאָס די קאָנווענשאַן זאָל געפיהרט ווערען אין רוה און אָרדנונג מיט רעספּעקט איינער צום צווייטען. מיט טאָלעראַנץ פון איינעמס מיינונג צום צווייטענס, און ניט פאַרגעסען דאָס מיר אַלע צוזאַמען דאַרפען געמיינשאַפטליך אָנפיהרען דעם קאַמפּף געגען קאַפּיטאַליזם און זיין גרייט צו בעגעגענען די נייע בעסערע און שעהנערע געזעלשאַפט פאַר וועלכע מיר אַלע קעמפּפען.

עס בעגריסט אויך די קאָנווענשאַן פר. צוקערמאַן פון די קעפּ מייקערס. ער זאָגט פאָלגענדעס:

עס איז דאָס ערשטע מאָל וואָס זיין אָרגאַניזאַציאָן ווערט איינגעלאַדען צו בעגריסען די קאָנווענשאַן און ביי דיזער געלעגענהייט, דריקט ער אויס זיין אַנערקענונג פאַר די גוטע אַרבייט וואָס דער אַרב. רינג האָט געטון פאַר די אידישע אַרבייטער בעוועגונג דערמיט וואָס ער האָט בעאַרבייט די ערד און דערמיט מעגליך געמאַכט די אויפבויאונג פון גרויסע און מעכטיגע יוניאָנס און ער האָפט דאָס מיר וועלען פאָרטזעצען אונזער גוטע אַרבייט, הויפּטזעכליך אויף'ן קולטורעלען געביט און דאָס צוזאַמען מיט די גאַנצע אַרבייטער בעוועגונג ווילען מיר העלפען אויפשטופען דעם וואָגען צום פּלאַץ וואו עס שיינען די שטראַהלען פון אמת'ע פרייהייט און מענשענליעבע.

די קרעדענשעל קאָמיטע רעקאָמענדירט דאָס די פיונעראַל זיצונג זאָל געהאַלטען ווערען דאָנערשטאָג פון 8.30 ביז 10 אוהר מאָרגענס, ווען די רעגעלע סעשאָן דאַרף זיך אָנפאַנגען. רעקאָמענדיישאָן אָנגענומען.

פר. גוסקין, פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע, גיט דאַן אָפּ פאָלגענדען בעריכט:

די אויפגאַבען פון אונזער קאָמיטע זיינען פאַרשיעדען פון די אויפגאַבען פון אַלע אנדערע פּאַרוואַלטונגס קאָמיטעען דערפאַר, ווייל מיר פאַרוואַלטען אַן אינסטיטוציאָן, וואָס איז די נשמה פון דעם אַרב. רינג און מוז געפיהרט און פאַרוואַלטעט ווערען אויף אַ גאַנץ באַזונדערען אַרט. מיר האָבען פאַרשטאַנען, דאָס אונזערע אויפגאַבען זיינען ניט צו מאַכען עקאָנאָמיע, נור צו פאַרבעסערען און צו פאַרשעהנערען די אינסטיטוציאָן. מיט פרייד קענען מיר זאָגען, דאָס ווען די, וועלכע האָבען דעם סאַניטאַריום באַשאַפען זאָלען איהם יעצט זעהן, וועלען זיי דאַן צוגעבען אַז זיי האָבען פון אַזאַ שעהנע אינסטיטוציאָן אפילו ניט געחלומ'ט.

גלייך ווי די קאָמיטע איז אריין אין אמט, איז אונטערנומען געוואָרען די איבערפיקסונג פון די ליענטים אום זיי צו מאַכען אנציהענד, בעקוועם און מאָדערן און דער סאַניטאַריום קען זיך אַצינד ניט פאַרשעהמען געגען די שעהנסטע און רייכסטע אינסטיטושאַנס.

געפינענדיג דעם אַלטען עסס־צימער אַלס צו קליין, האָבען מיר באַשלאָסען איהם צו פאַרגרעסערען און עס איז אויסגעקומען איהם כמעט איבערצובויען. וועגען בויען אַ נייע אַדמיניסטריישאָן־בילדינג, אין דער נאָהענטער צוקונפט, האָבען מיר אויפגעהערט קלערען, צוליעב דעם גרויסען יקרות אין בוי־מאַטעריאַלען, וואָס מעגליך, שפּעטער, וועלען זיי קאָסטען פיעל וועניגער. מיר האָבען אַלזאָ איבערגעבויט דעם עסצימער און אַצינד קענען הונדערט און צעהן מענשען דאָרט עסען מעהר בעקוועהם ווי פריהער זעכציג מענשען. אין דער זעלבער צייט האָבען מיר אויך געמאַכט פּלאַץ פאַר אַ מואווינג פּיקטשור מאַשין און האָבען אַזעלכע געקויפט. יעצט ווערט דאָרט אַלע וואָך געצייגט מואווינג פּיקטשורס און דאָס העלפט זעהר פיעל צו שאַפען אַ בעסערע שטימונג ביי די פּאַציענטען. זאָל עס דאָ אויך בעמערקט ווערען, דאָס די פירמע הענרי, סיגעל און אדלער שיקען צו זייערע פילמען יעדע וואָך פריי.

די קאָנווענשאַן האָט לעצטען יאָהר פאַרגרעסערט דעם טערמין פון סאַניטאַריום פון 6 מאָנאַטען אויף 9 מאָנאַטען; אַ חוץ דעם זיינען נאָך דיזען יאָהר געווען מיט 57 מעהר פּאַציענטען. דאָס איז מיט 4 מעהר, ווי אנדערהאַלבען מאָהל אַזוי פיעל. צוזאַמען מיט'ן שטייגענדען יקרות, האָט עס פערגרעסערט די אויסגאַבען פון אויפהאַלטונגס פאָנד, אויף 22,347.80 דאָלאַר און ווען ניט דער רייז פון 5 סענט וועלכען די מעמבערס האָבען באַלד נאָכדעם גוט געהייסען, וואָלטען מיר אַצינד געווען אין אַ דעפיציט.

די קאָמיטע האָט ניט געזוכט צו שפּאָרען דאָרט, וואו עס טאָר ניט געשפּאָרט ווערען, ווי פון עסען און די אַלגעמיינע בעקוועמליכקייטען פון די פּאַציענטען. זיי האָבען דאָך געטרייט צו שפּאָרען פון אַנדערע זאַכען, וואָס דאָס קען בעווייזען דער פאַקט, אז כאָטש דער יקרות איז אונגעהייער געשטיגען, האָבען די סאַניטאַריום קאָסטען פער פּאַציענט זיך ניט מעהר פערגרעסערט ווי פון $2.70½ פער פּאַציענט פאַר אַ יאָהרען, אויף $3.05 און אַ זיבעטעל סענט היינט. ד. ה., אויף 32 סענט, פון וועלכע 28 סענט זיינען אויף די לעבענס־מיטלען און 4 סענט אויף די אדמיניסטריישאָן הוצאות.

די פרויען פּאַציענטען: אַזוי שנעל ווי דער רעפערענדום האָט גוט געהייסען אַז פרויען־פון אונזערע מעמבערס קענען אָנגענומען ווערען אין סאַניטאַריום, האָט די סאַניטאַריום קאָמיטע דאָס דורכגעפיהרט און בעשטימט דאָס די סומע וואָס דאַרף פאַר אַ פרוי געצאָהלט ווערען זאָל זיין 15 דאָלאַר אַ וואָך. דיזע סומע איז נור פאַר עסען, ווייל מענעדזשמענט קאָסט דאָך סיי ווי סיי.

היינט צו טאָג געפינען זיך אין סאַניטאַריום 10 פרויען פּאַציענטען, וועמעס בעציהונגען צום סאַניטאַריום פּערזאָנעל זיינען געווען לויבענסווערטהע, סיי פון דער אדמיניסטריישאָן, סיי פון דער פּערוואַלטענדער קאָמיטע, נאָכקומענדיג גענוי אַלע רולס. זיי האָבען אין אַלגעמיין ארויסגערופען צו זיך דעם טיעפסטען רעספּעקט.

די קאָמיטע האָט זיך אויך געזאָרגט פאַר דעם גייסטיגען פאַרגעניגען פון די פּאַציענטען, וועלכע זיינען עלענד און אימער פאַרזאָרגט איבער זייער שיקזאַל, און וועגען דעם צושטאַנד פון זייערע פאַמיליעס. פאַר דיזען צוועק האָט די קאָמיטע פון צייט צו צייט אראַנזשירט לעקטשורס און קאָנצערטען. — וועגען די מואווינג פּיקטשורס איז אונז שוין אויסגעקומען פריהער צו דערמאָנען. צוויי קאָנצערטען זיינען געווען עקסטראָאָרדינערי. דער ערשטער קאָנצערט איז געווען אין מאָנאַט סעפּטעמבער. גענ. אב. קאַהאַן און י. אַדלער זיינען געלאַדען געוואָרען. דער ערשטער האָט געהאַלטען אַ לעקטשור און דער צווייטער האָט פאַרגעלעזען פעליעטאָנען און הומאָרעסקען און צוזאַמען מיט'ן קאָנצערט האָבען זיי יענעם אבענד פאַרוואַנדעלט אין אַ יום טוב.

גענ. אב. קאַהאַן האָט נאָכהער אין צוויי אַרטיקלען בעשריבען יענעם אבענד, צוזאַמען מיט אַן אַלגעמיינעם איבערבליק וועגען סאַניטאַריום און דאָס האָט דעם אַרב. רינג געגעבען פיעל פּובליסיטי, ווי נאָך קיינמאָל פריהער.

דער צווייטער יום טוב איז געווען דעם 12טען פעברואַר — דער טאָג אין וועלכען דער אַרב. רינג פייערט יעדען יאָהר די ערעפענונג פון סאַניטאַריום. דיזען מאָל איז אונזער שמחה געווען פאָרדאָפּעלט מיט דעם, וואָס מיר האָבען אוועקגעגעבען דעם טעג־טאָג אין רשות פון דער דזשענ. עקזעקוטיווע פאַר די מלחמה קרבנות און מיר האָבען געפיהלט יענעם זיסען געפיהל פון איינעם וואָס ברענגט אַ קרבן — מיר האָבען דאָך מיט דעם געאָפּפערט אונזער דעגעלען יעהרליכען איינקונפט פאַר'ן סאַניטאַריום. צו יענעם אבענד זיינען געלאַדען געוואָרען ה. ראָגאָף און ה. לאַנג, און צוזאַמען מיט אונזערע אייגענע טאַלאַנטען איז זיי געלונגען צו ברייגנען די פּאַציענטען אין אַ פרעהליכער שטימונג און זיי געמאַכט פיהלען גליקליך. נאַטירליך, האָבען ביידע שרייבער געשריבען דערנאָך בעגייסטערטע אַרטיקלען וועגען דעם סאַניטאַריום און וועגען יום־טוב.

מיר האָבען געזאָרגט פאַר די קראַנקע, וועלכע זיינען אינ'ם דרעפּט־עלטער. דורך דער הילף פון דער „אַמעריקאַן סאָסייטי

פאַר דהי פרעווענשאָן אָוו טובערקולאָזיס", איז אונז געלונגען צו קריגען עקזעמפשאָן פאַר מאַנכע קראַנקע וועלכע זיינען געזעליך בערעכטיגט דאַרצו.

פר. גוסקין געהט דאַן איבער צו דער רעזיגניישאָן פון דר. שוואַט: די סאַניטאַריום קאָמ. איז מיט'ן דאָקטאָר שוין לאַנג ניט געווען צופריערען. די אורזאַכע איז וואָס דאָקטאָר שוואַט איז פון דער פאַריגער סאַניטאַריום קאָמיטע וועלכע האָט איהם אָנגעשטעלט, שטאַרק אויפגעבומט געוואָרען, אַ זאַך וואָס נאָך אונזער מיינונג טאָר אויף קיין פאַל ניט געטאָן ווערען. דר. שוואַט האָט דאָס צופיעל אויסגענוצט. און האָט אָפען ארויסגעציינט זיין אונצופריעדענהייט מיט די בעשליסע פון דער מעדיקאַל באָארד.

עס זיינען פיעלע מאָל פאַרגעקומען פעלע ווען די סאַניטאַריום קאָמיטע איז מיט'ן דאָקטאָר ניט געווען איינפערשטאַנען, אָבער זיי האָבען איהם אַלע מאָל נאָכגעגעבען, ווייל ער פלעגט אַבי וואָס גלייך סטראַשען מיט אַ רעזיגניישאָן און מיר האָבען געוואָלט פערמיידען די קאָנפערענצען און דעם טומעל וואָס אַזאַ פאַסירונג קען פילייכט ארויסרופען.

עס האָט אָבער פאַסירט אַז דר. שוואַט האָט איבערגעכאַפּט די מאָס און די קאָמיטע האָט זיך געפיהלט געצוואונגען צו מאַכען דערפון אַ סוף.

אין סאַניטאַריום האָט געדאַרפט אָנגעשטעלט ווערען אַ נייער בוך־קיפּער. מיר האָבען געוואָלט מען זאָל אָנשטעלען אַ מאַן, וועלכער זאָל אויך אויף אַלעס אכטונג געבען און אָבטשעקען די ארטיקלען וואָס ווערען געבראַכט. דר. שוואַט האָט אָבער אָנגעשטעלט אלס בוך קיפּער זיינע אַ שוועגערין. די קאָמיטע איז געווען אָנצופריעדען, ווייל ערשטענס האָבען זיי געוואָלט מען זאָל אָנשטעלען אַ מאַן, וואָס זאָל זיין אויסער אַ בוק־קיפּער אויך אַן „אָבטשעקער". צווייטענס זיינען זיי ספּעציעל געווען דאַגעגען דער שוועגערין, ווייל קענענדיג דעם כאַראַקטער פון ארב. רינג, האָבען זיי פאָראויסגעזעהן, אַז אַזאַ פאַקט קען ארויסרופען אַ געוויסע אונצופרידענהייט אין מאַנכע ברענטשעס. דר. שוואַט האָט דאַן ווידער אריינגעשיקט זיין רעזיגניישאָן, וועלכע איז דאַן אָנגענומען געוואָרען.

זעהענדיג דאָס די רעזיגניישאָן איז אָנגענומען געוואָרען, האָבען דער דאַמאָלסריגער צווייטער דאָקטאָר, די מאַטראָן און די קעכין ערקלעהרט דאָס זיי געהען צוזאַמען מיט איהם, כדי צו שאַפען אַ געדריקטע לאַגע. עס האָט זיך אויך געווענדעט אַ קאָמיטע פון די פּאַציענטען צו דער סאַניטאַריום קאָמיטע, וועלכע איז געווען אויפ'ן אָרט. מיר האָבען זיי ערקלעהרט די לאַגע ווי זי איז געווען, דאָס די גאַנצע געשיכטע האָט דר. שוואַט אַליין אָנגעהויבען מיט דעם אריינשיקען זיין רעזיגניישאָן. דאַן האָט דר' שוואַט שריפטליך געלאָזט וויסען דער קאָמיטע אַז ער איז וויליג זיין רעזיגניישאָן צוריקצוציהען. אָבער אַנשטאַט צוצוגעבען אַז ער איז בעגאַנגען אַ פעהלער, האָט ער געשריבען אַז ער טוט עס אויף דעם פערלאַנג פון די פּאַציענטען, וועלכע ווילען זעהר ער זאָל פערבלייבען. די סאַנ. קאָמ., וויסענדיג ווי אַזוי ער האָט די לעצטע צייט געהאַנדעלט, האָט בעשלאָסען צו בלייבען ביי איהר בעשלוס און דערין האָבען זיי געהאַט די צושטימונג פון דער נאַצ. עקז. און די מעדיקאַל אַדווייזאָרי באָארד. דערביי מוז בעמערקט ווערען, דאָס די פּאַציענטען האָבען געהאַנדעלט ווי טרייע מעמבערס פון ארב. רינג, און אָבשאַצענדיג די לאַגע האָבען זיי אויסגעדריקט זייער צוטרויען צו דער סאַניטאַריום קאָמיטע, פאַר וועלכען די קאָמיטע איז זיי זעהר דאַנקבאַר. די קאָמיטע האָט זאָפאָרט אָנגעשטעלט אַ נייעם דאָקטאָר, דאָס איז דר. ראָזענבערג, אַ מיטגליעד פון דער מעדיקאַל אדווייזערי באָארד, וועלכער האָט שוין אַ לאַנגע, 12־יאָהריגע ערפאַהרונג אַלס סופּעראינטענדענט אין בעדפאָרד סאַניטאַריום און אין פאַרשיעדענע אַנדערע אינסטיטוציאָנען. ווי עס ציינט זיך ארויס וועט זיך דר. ראָזענבערג צופאַסען צו אונזער אינסטיטושאָן. פאַר דער קורצער צייט האָט ער שוין געמאַכט איינינע אויסבעסערונגען. זיי זיינען אָבער ניט אויפ'ן חשבון פון די פּאַציענטען..

עס איז אויך אָנגעשטעלט געוואָרען אַ נייעד אסיסטענט דאָקטאָר, דאָס איז דר. היבש, וועלכער האָט שוין אַ לאַנגע פראַקטיקע נאָך פון רוסלאַנד, און מיר האָבען יעצט אַ גוטען מעדיקאַל סטעף.

פר. גוסקין בעריכטעט דאַן וועגען די ניט פערענדיגטע ארבייט:

1) די פראַגע פון בויען אַ קאַטעדזש פאַר'ן דאָקטאָר. די קאָמיטע דענקט אַז דער קאטעדזש זאָל געבויט ווערען אויפ'ן „ווערזשעטייבל סעלער", און דאָס וועט קאָסטען בעדייטענד ביליגער.

2) איבערפיקסען די קיטשען, וועלכע איז צו קליין, און פערגרעסערען איהר מיט 16 פוס און איינריכטען איהר מיט פאָלגענדע בעקוועמליכקייטען: אַ רום, וואו עס זאָל געטון ווערען די פראָסטערע ארבייט; אַ סטאָריידזש רום, אַ סטאָר־רום און אַ ווערזשעטייבל־סעלער, ווי אויך צוויי אייז־באָקסעס פאַר מילך, פוטער און פרוכט. ער בעריכטעט אויך, דאָס דורכ'ן יאָהר איז צוגעקויפט און איינגעפיקסט געוואָרען נייע קערעדזשעס, בעטען, טשערס, אַ בייקינג־מאַשין, אַ וויקטראָלאַ, ניופענעמעטריקס, נייע סליידס, וואָס געג. בערגער האָט געמאַכט אָהן געלד. עס זיינען אריינגעשטעלט געוואָרען איבערגעפיקסטע ווינדאָו־סקרינס אין האָספּיטאַל און אַלע געביידעס זיינען איבערגעפיינט געוואָרען. וועגען בילדינג פאָנד און טשיקען ריינדזש איז שוין בעריכטעט געוואָרען אין מאַי נומער „פריינד."

שליסענדיג דעם רעפּאָרט בעדאַנקט פר. גוסקין די מעדיקאַל אדוויזאָרי באָארד און ספּעציעל דר. האַלפּערן פאַר די זעהר גוטע און איבערגעבענע ארבייט, וואָס די קאָמיטע טוט. ער גיט אנערקענונג דעם אָפיס פאַר די פינקטליכע קאָרעספּאָנדענץ און דריקט אויס אַ האַרציליכען ספּעציעלען דאַנק די פּאַציענטען פון סאַניטאַריום, וואָס כאָטש זיי זיינען קראַנק, פאַרגעסען זיי נישט אויף אַ רגע צו זיין טרייע מעמבערס פון ארב. רינג און העלפען דער סאַניטאַריום קאָמיטע אין דער דורכפיהרונג פון די רולס און אָרדנונג, וואָס איז אַזוי נויטיג אין אַזאַ אינסטיטושאָן. אַ דאַנק דיעזע אינטעליגענטע זעלבסט־דיסציפּלין זיינען ווי געהעריג דורכגעפיהרט געוואָרען די בעשליסע פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע. ער דריקט אויך אויס אַ דאַנק צו די דעלעגאַטען און צו די מעמבערס פאַר דער עהרע און צוטרוי וואָס מען האָט זיי געשענקט. דער סאַניטאַריום איז אַצינד אין אַ זעהר גלענצענדען צושטאַנד און האָט זיך ניט צו שעהמען קעגען קיין עהנליכע אינסטיטוציאָן. איהם פרעהט וואָס ער קען איבערגעבען דעם סאַניטאַריום דער נייער קאָמיטע אין דיעזען גוטען צושטאַנד און ער האָפט, אַז אויך די נעקסטע סאַנ. קאָמ. וועט פאָרטזעצען די גוטע ארבייט פאַר'ן וואָהלזיין פון ארב. רינג.

דר. האַלפּערן בעריכטעט דאַן פאַר דער סאַניטאַריום מעדיקאַל אדווייזאָרי באָארד.

די טעטיגקייט פון דער סאַנ. מעד. אדווייזאָרי באָארד איז אויך דיעזען יאָהר בעשטאַנען אין אויסאיבען אַ קאָנטראָל איבער דער מעדיצינישער זייט פון סאַניטאַריום. די באָארד פלעגט מיטען רעגעלמעסיג יעדען מאָנאַט און ער האָט צו די מיטינגען צוגעשטעלט רעפּאָרטס איבער דעם צושטאַנד פון סאַניטאַריום און פון די פּאַציענטען. ער פלעגט אויך אונטערזוכען אַלע פּאַציענטען וואָס האָבען געדאַרפט פאַרלאָזען דעם סאַניטאַריום. און אַלס סעקרעטער פון מעדיקאַל באָארד האָט ער אַטענדעט אַ צאָהל מיטינגען פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע וואו עס פלעגען געמיינשאַפטליך פאַרהאַנדעלט ווערען פאַרשיעדענע פראַגען פאַר דעם וואָהל און בעסטען פון סאַניטאַריום. דער קריזיס, פאַראורזאַכט פון דר. שוואַט'ס רעזיגניישאָן איז גליקליכערווייזע פאַראיבער גאַנץ רוהיג אָהן קיינע שטערונגען, ווייל גלייכצייטיג איז דער מעדיקאַל באָארד געלונגען צו בעקומען אַ גוטען געניטען דאָקטאָר וועלכער האָט שוין געהאַט ערפאַהרונג אין טובערקולאָזיס סאַניטאַריומס פאַר 12 יאָהר צייט און דאָס איז דר. ראָזענבערג. דער צווייטער דאָקטאָר, דר. הירש איז אויך אַ גוטער דאָקטאָר, איז נאָך אין רוסלאַנד געווען אַ זעמסקי וראַטש און דאָ אין אַמעריקאַ געהאַט ערפאַהרונג אין סאַניטאַריומס פאַר טובערקולאָזיס. אַזוי דאָס די מעדיצינישע אָפּטיילונג פון סאַניטאַריום איז בעזאָרגט געוואָרען אויפ'ן בעסטען אָרט.

די מעדיקאַל באָארד האָט אויך אונטערנומען צו מאַכען אויסבעסערונגען פון אונטערזוכונגען און היילינג מיטלען פאַר די פּאַציענטען, האַלטענדיג זיך אין דעם כלל, אז דער בעסטער מיטעל איז צו ערשט ביים פּראָצעס זעלבסט צו ענטוויקלען די אינערליכע קרעפטע און איהם מאַכען ווידערשטאַנדס פעהיג, פאַר דיזען צוועק איז איינגעפיהרט געוואָרען סיסטעמאַטישע אָטעם איבונגען עקסערסייזעס און גראַדואירטע ארבייט אונטער דעם אויפזיכט פון די סאַניטאַריום דאָקטוירים, אויך סיסטעמאַטישע קאַלט וואַסער קיור און זונען און לופט בעדער אונטער דער אויפזיכט פון די דאָקטוירים.

די לאַבאָראַטאָריום ארבייט איז מעהר סיסטעמאַטיש געוואָרען און איז יעצט מעהר פּאָלקאָם.

דער ספּיטום פון נייע פּאַציענטען ווערט אונטערזוכט 8 טעג צייט יעדען טאָג דורך דער זאָגענאַנטער אַנטיפאָרמין מעטאָדע אום פעסטצושטעלען וועלכע פּאַציענטען קענען פאַררעכענט ווערען אַלס פּאָזיטיווע קייסעס און וועלכע אַלס נעגאַטיווע (פּאַציענטען אין וועמעס שפּייעכץ עס געפינט זיך די טובערקולאָזיס באַצילען ווערען גערעכענט אַלס פּאָזיטיווע קייסעס און פּאַציענטען אין וועמעס שפּייעכץ עס געפינען זיך ניט דיעזע באַצילען ווערען פאַררעכענט אַלס נעגאַטיווע קייסעס).

נאָך די אַכט טעג ווערט די ספּיטום פון יעדען פּאַציענט אונטערזוכט פּינקטליך יעדען מאָנאַט.

אויך אַ נייע לאַבאָראַטאָריום טעסט מעטאָדע אום פעסטצושטעלען ט. ב. ווערט איינגעפיהרט, דאָס איז דער זאָגענאַנטער קאָמפּלימענט פיקסיישאָן טעסט (בלוט אונטערזוכונג). מיט איין וואָרט, אונזער סאַניטאַריום אין דעם זין פון מאָדערן קאָן זיך פאַרגלייכען מיט די גרעסטע סאַניטאַריומס פון לאַנד.

צום שלוס דריקט דר. האַלפּערין אויס אין נאָמען פון די מעדיקאַל באָארד אַ דאַנק צום קאָנווענשאָן און צו די מעמבערס פון ארבייטער רינג און פאַרזיכערט דאָס ער, וועלכער איז געשטאַנען ביי דער וויגעלע פון סאַניטאַריום, וועט אויך ווייטער טרייען אַלעס וואָס נור אין זיינע קרעפטען פאַר דיעזער אינסטיטוציאָן.

פאָלגענדע אינטערפּעלאַציאָנען ווערען געשטעלט צו דער סאַניטאַריום קאָמיטע:

יוראַק, בראָנזוויל: מיט וואָס ערקלעהרט זיך די אונגעהויערע פאַרגרעסערונגען אין די עקספּענסעס ווי די קאָסטען פון טעלעפאָנס און טעלעגראַמס, אבוואהל די פרייזען פאַר טעלעפאָנס זיינען ניט געהעכערט געוואָרען. די קאָסטען פון מעדיקאַל סופּלאַיס, סאַלאַריעס און אַלע אַנדערע אויסגאַבען וואָס זיינען פאַרבונדען מיט דער פאַרוואַלטונג פונ'ם סאַניטאַריום? 2) ווי קומט עס, דאָס די גאַנצע צייט וואָס דר. שוואַט איז געוועזן אין סאַניטאַריום האָט מען געהאַלטען אין איין זינגען צו איהם לויב געזאַנגען, מען האָט איהם איינפאַך פערגעטערט, און אזוי שנעל ווי ער האָט דעם סאַניטאַריום פאַרלאַזען, האָט די קאָמיטע בלויז שלעכטעס וועגען איהם צו זאָגען?

אַלעקסאַנדער, פון אַלבאַני: ווארום האָט די סאַניטאַריום קאָמיטע ארויסגעשיקט אַ פּאַציענט פון סאַניטאַריום, אַ מעמבער פון זייער ברענטש, ווען ער איז געווען שטאַרק קראַנק און האָט זאָגאַר ניט געלאָזט וויסען דעם ברענטש וועגען דעם, און אַ צווייטען מעמבער פון זייער ברענטש, וועלכער איז אַבגעוועזן זיין צייט אין סאַניטאַריום איז אבער ארויס ניט געזונד, האָט די סאַניטאַריום קאָמיטע ניט געפונען פאַר נויטיג צו לאָזען וויסען דעם ברענטש וועגען זיין געזונדס צושטאַנד און וואָס עס איז נויטיג צו טון פאַר איהם?

לעוויטאַן: דר. שוואַט האָט געשריבען אין אַ געוויסער צייטונג דאָס פּיעלע עקספּענסעס וואָלטען געקאָנט אין סאַניטאַריום געשפּאָרט ווערען, האָט די סאַניטאַריום קאָמיטע גענומען דאָס אין אַנבעטראַכט?

ר. גינצבורג, נואַרק: 1) ווארום מאַכט דער סאַניטאַריום יעדע קאָרפּענטער ארבייט מיט ארבייטער וועלכע ארבייטען ביים טאָג און גיט ניט אוועק די ארבייט צו קיין קאָנטראַקטאָר, וואָס וואָלט אייגענטליך געקאָנט קאָסטען ביליגער? 2) גלויבט די סאַניטאַריום קאָמיטע דאָס עס איז ווירקליך דאָ אין סאַניטאַריום גענוג פּיינטינג ארבייט פאַר'ן גאַנצען יאָהר. דאָס עס לוינט אָנצוהאַלטען אַ שטענדיגען פּיינטער? 3) אינטערעסירט זיך די קאָמיטע אַליין איינצוקויפען געוויסע ארטיקלען וועלכע וואָלטען געקאָנט איינגעקויפט ווערען ביליגער ווי ווען זיי ווערען געקויפט פון סאַניטאַריום זעלבסט? 4) האָט די מעדיקאַל באָארד אַלס אַ גאַנצע בעזוכט דעם סאַניטאַריום און וואָס איז איהר מיינונג וועגען דעם סאַניטאַריום? 5) ווארום זיינען די באַהן־קאָסטען דיעזען יאָהר מיט אזוי פיעל פערגרעסערט געוואָרען?

שיינבוים, נ. דזש., און ליכטענשטיין, פילאַדעלפיא: די סאַניטאַריום קאָמיטע רעפּאָרטעט, דאָס זי האָט צוגעזאָגט דר. שוואַט, דאָס ווען ער, דר. שוואַט, וועט זיין רעזיגנאַציאָן צוריקציהען וועט ער קאָנען צוריק פאַרבלייבען אין סאַניטאַריום. צום סוף האָט די קאָמיטע אַנדערש געהאַנדעלט. האָט די סאַניטאַריום קאָמיטע אַ רעקאָרד פון די עקס פּאַציענטען, וועגען זייער געזונדס צושטאַנד?

שאַשינסקי, נואַרק: ווארום האָט די סאַניטאַריום קאָמיטע ניט געזעהן, דאָס די פּרעסע זאָל ניט זינגען אזוי פיעל לויב געזאַנגען צום דאָקטאָר, ווען די קאָמיטע האָט געוואוסט אז ער פערדינט דאָס ניט?

פאַלין, פילאַדעלפיא: ווארום איז די סאַניטאַריום קאָמיטע ניט שטרענג גענוג מיט פּאַציענטען, וועלכע פאָלגען ניט אויס די רולס און רעגולייש'אָנס פון סאַניטאַריום?

פאַרענט, פון באַפאַלאָ: וואָס פאַר אַ אויסגאַבען ענטהאַלט דער אייטעם „פערשיעדענעס"?

שאַר: האָט די סאַניטאַריום קאָמיטע אוועקגעשיקט דעם דאָקטאָר בלויז דאַפיר ווייל ער האָט אָנגעשטעלט זיין שוועגערין אַלס בוך קיפּער אדער איז דאָס געווען דאַפיר ווייל ער האָט איגנאָרירט די מעדיקאַל באָארד?

נאַטאַוויטש, פּעטערסאָן: איז עס אמת די בעהויפּטונג פון געוויסע פּאַציענטען דאָס דר. האַלפּערן איז געווען פאַראינטערעסירט אין דר. שוואַט'ס אוועקגעהן?

פּר. גוס.ין ענטפערט אויף די אינטערפּעלאַציאָנען ווי פאָלגט:

די פערגרעסערונג אין די קאָסטען זיינען אַ דאַנק דעם: ערשטענס, זיינען געווען מעהר פּאַציענטען דיעזען יאָהר ווי לעצטען; פּאַציענטען זיינען געווען 9 מאָנאַטען אנשטאַט 6. צווייטענס, זיינען אַלע אַרטיקלען דיעזען יאָהר טייערער געוואָרען. מילך פלעגט קאָסטען 6 סענט אַ קוואָרט און יעצט קאָסט 8 סענט. מעדיצינישע סופּלייס זיינען געשטיגען אויף מעהר ווי 100%. סאַלאַריעס צו די אָנגעשטעלטע זיינען גערייזט געוואָרען, וואָס אָנבעלאַנגט די פערגרעסערטע קאָסטען אין טעלעפאָנס און טעלעגראַמס איז דאָס אייגענטליך ניט קיין פאַרגרעסערונג, ווייל פּאַציענטען אין סאַניטאַריום שיקען אָפט טעלעגראַמס פאַר וועלכע זיי בעצאָהלען און דערפאַר איז פאַראַן אויך אַן אייננאַהמע פאַר טעלעפאָנס, וואָס מאַכט דעם אַלגעמיינעם ביל קלענער. און די פערגרעסערטע קאָסטען פון אינשורענס איז איינפאַך דאַפיר ווייל אַלע בילדינגס זיינען אימפּרואווט געוואָרען, האָבען מעהר די ווערט און מען האָט ארויסגענומען מעהר אינשורענס אויף זיי.

די סאַניטאַריום קאָמיטע שיקט ניט ארויס קיין פּאַציענט פון סאַניטאַריום סיידען דער דאָקטאָר רעקאָמענדירט עס, און דעם פּאַציענט פון אַלבאַני האָט מען אַבגעשיקט אהיים מיט אַ ספּעציעלער נוירס, וועלכע האָט אויף איהם אויפגעפּאַסט דעם גאַנצען וועג. די קאָמיטע לאָזט ניט וויסען יעדען ברענטש וועגען דעם צושטאַנד פון זייער אַ מעמבער ווען ער פערלאָזט דעם סאַניטאַריום, סיידען דער ברענטש פרעגט זיך אָן, און וואָלט דער אַלבאַניער ברענטש זיך געווען אָנגעפרעגט וואָלט מען איהם זיכער געווען געגעבען אַלע איינצעלהייטען.

אויף דער פראַגע וועגען עקאָנאָמיע, וואָס דר. שוואַט האָט געשריבען, איז דאָך ווירקליך צום בעוואונדערען. ווארום האָט דר. שוואַט ניט געטרייט צו פּראַקטיצירען דיעזע עקאָנאָמיע אין סאַניטאַריום ווען ער איז דאָרט געווען דאָקטאָר, און רעדט יעצט פון עקאָנאָמיע, ווען אַ צווייטער איז שוין דאָרט אויף זיין פּלאַץ? די סאַניטאַריום קאָמיטע גלויבט, דאָס צו מאַכען ארבייט אין סאַניטאַריום אַליין. ניט דורך קיין קאָנ־

טראַקטאָר, קאָסט ביליגער, סיידען ווען עס האַנדעלט זיך וועגען א גרויסער אונטערנעהמונג. עס איז פאַראַן געניג פּיינטינג ארבייט אין סאַניטאַריום פאר א פּיינטער א גאַנצען יאָהר און יעצט, זומער צייט, ארבייטען צוויי פּיינטערס.

די קאָמיטע גלויבט, דאָס עס איז בעסער און ראַטזאַמער אז יעדער זאַך פאר'ן סאַניטאַריום זאָל געקויפט ווערען פון סאַניטאַריום זעלבסט און ניט פון דער קאָמיטע.

די מעדיקאַל באָארד האָט יא בעזובט דעם סאַניטאַריום, ווי זי טוט דאָס יעדען יאָהר.

די קאָמיטע האָט ניט צוגעזאָגט דר. שוואַט'ן איהם צו לאָזען פארבלייבען אין סאַניטאַריום אויב ער וועט זיין רעזיגניישאָן צוריק ציהען. ער פערזענליך האָט איהם צוגעזאָגט, דאָס ער וועט טרייען דאָס צו פועל'ען ביי דער עקז. קאָמיטע, און די לעצטע האָט דאָס ניט באַוויליגט, ווייל די אַרט און ווייזע ווי אזוי דר. שוואַט האָט צוריקגעצויגען זיין רעזיגנאַציאָן איז געווען א באַליידיגענדע פאַר'ן ארב. רינג. עס איז ניט דער קאָמיטעס שולד, וואָס די צייטונג האָט געלויבט דר. שוואַט, און אָפּלייקענען די־באַהויפּטונגען פון דער צייטונג האָט ניט געפּאַסט, ווען דער דאָקטאָר איז נאָך געווען אין סאַניטאַריום.

די קאָמיטע איז פאָלשטענדיג איינפערשטאַנען, אז די פּאַציענטען דאַרפען אָבהיטען די רולס און רעגולײשאָנס פון סאַניטאַריום און מען דאַרף זיין שטרענג אין דיעזער הינזיכט. זאָל די קאָנווענשאָן אזוי בעאויפטראַגען די סאַניטאַריום קאָמיטע און די לעצטע וועט דאָס דורכפיהרען.

דאָקטאָר שוואַט איז אייגענטליך ניט אַוועקגעשיקט געווארען, נאָר האָט אַליין רעזיגנירט, ווי ער פלעגט דאָס טון ביי אנדערע געלעגענהייטען אויך, גלויבענדיג אז די קאָמיטע וועט איהם אַלעס נאָכגעבען, און דעם מאָל האָט ער אבער געמאַכט א טעות אין חשבון.

עס איז ניט אמת אז דר. האַלפּערן איז געווען פּאַראינטערעסירט אין די אוועקשיקונג פון דר. שוואַט. דר. האַלפּערן איז געווען דער יעניגער, וואָס פלעגט איהם אַלע מאָל פאַרטיידיגען, און עס איז א פאַקט, דאָס ווען ניט דורך דר. האַלפּערנ'ס איינפלוס אויף דער קאָמיטע, וואָלט דר. שוואַט געווען נאָך פריהער אַוועקגעשיקט געוואָרען.

עס ווערט בעשלאָסען אויסצודריקען צוטרוי צו דער מעדיקאַל באָארד און ספּעציעל צו דר. האַלפּערן און זיי באַדאַנקען פאַר זייער ארבייט. דער רעפּאָרט פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע ווערט איבערגעגעבען צו דער קאָמיטע אָף אָפיסערס' רעפּאָרטס.

פר. ישורין, טשערמאַן פון דער דיסטריביושאָן קאָמיטע, בעריכטעט, דאָס פון די 117 דעלעגאַטען צום קאָנווענשאָן זיינען 114 — אויסער די 3 סע רעטערע — איינגעטיילט געוואָרען אין די פאָלגענדע 9 קאָמיטעס:

קאָמיטע אָן אָפיסערס רעפּאָרטס, 11 דעלעגאַטען — דזשיי. וויינבערג, ניו יאָרק; ס. דראַפּקין, נ. י., ס. פּאָזעס, נ. י., מ. סאַשינסקי, נואַרק; ב. פּארענט, באַפאַלאָ; רעניס, פילאַדעלפיא; פילער, סט. לואיס; סיגעל, פיטסבורג; דזשיי. גינזבורג, קאַליפאָרניא; דאַרפּ מאַן, מינעסאָטא; און גלאַזמאַן, אטלאַנטא.

רעזאָלושאָן קאָמיטע, 11 דעלעגאַטען: — ה. שער, נ. י.; וואַליצקי, נ. י.; דזש. ראָטהמאַן, נ. י.; ס. וואַלאַס, נ. י.; ר. גינזבורג, נ. י.; צוקער, נ. י.; מ. א־ווענסקי, נ. י.; בערנשטיין, דעטראָיט; ב. מיימאַן, וואַשינגטאָן; עטינגער, פילאַדעלפיא; און גלאָבערמאַן, שיקאַגאָ.

אדמיניסטריישאָן קאָמיטע, 11 דעלעגאַטען: — י. ישורין, נ. י.; דזש. דריישפיעל, נ. י.; ס. נודעלמאַן, נ. י.; ב. לעוויטאַן, נ. י.; פרידבערג, נ. י.; בעצאַהלער, נ. י.; פרידמאַן, נ. י.; שטיינבערג, פּעטערסאָן; פּאַלין, פילאַדעלפיא; פייטעלסאָן, וואָטערבורי; בענענסאָן, שיקאַגאָ; לעווין, קליוולאַנד; גלאַזמאַן, באַלטימאָר; / סאַקאָלסקי, פיטסבורג און וואַראַביאָוו, ניו הייווען.

פרעס און עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע, 15 דעלעגאַטען: — יוראַ נ. י.; יעלין, נ. י.; וויינשטיין, נ. י.; ביילין, נ. י.; אַרקאַטי, באַלטימאָר: אננא קאַפּלאַן. ברידזשפּאָרט: ראַבלענקאַ. מאָנטרעאַל; וויינגער, סאַוטה וועסט טעריטאָרי; לערמאַן, טאָראָנטאָ; הערשמאַן, פילאַדעלפיא; קאָבלענץ, שיקאַגאָ; זאַלקינד, ניו הייווען; פּאַרמעט, ווילקעסבאַרע; ליבטמאַן, פילאַדעלפיא, און סעמיועלס, סיראַקיוז.

אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, 15 דעלעגאַטען: — ל. דינערשטיין, נ. י.; לאַנגער, נ. י.; קרינסקי, נ. י.; עבעריל, נ. י.; פּערלשטיין, נ. י.; קאַסאָוויטש, נ. י.; גאָטליעב, נ. י.; נאַטאַוויץ, פּעטערסאָן; ראַוטש, האָדסאָן קאַונטי; קאָהען, פילאַדעלפיא; סטאַלל, האַרטפאָרד; בלומענטהאַל, שיקאַגאָ; אַלפּערט, נעבראַסקאַ און פערלאַוויץ, באַלטימאָר.

סאַניטאַריום קאָמיטע, 11 דעלעגאַטען: — קורהאַן, נ. י.; קופּערמאַן, נ. י.; גאַרעליק, נ. י.; שפּינראַד, נ. י.; זייעץ, נ. י.; אַלעקסאַנדער, אָלבאַני; סווערדלאָוו, פילאַדעלפיא; טראַבטמאַן, פילאַדעלפיא; קעסטאָן, סענטערוויל; פּיטערס, דעטראָיט און טורעצקי, ווירדזשיניא.

בענעפיט קאָמיטע, 15 דעלעגאַטען: —יאַקאָבי, נ. י.; וואַלאָוויץ, נ. י.; מייערסאָן, נ. י.; ל. ראָטמאַן, נ. י.; פּאַדיש. וועסטשעסטער; קאָהען, האַרטפאָרד; קאַפּלאַן, נואַרק; בראַסטבערג, פּעטערסאַן; שיינבוים, האָדסאָן קאַונטי; בערקאָף, פילאַדעלפיא; קאָהען, נואַרק; דיימאַנד, שיקאַגאָ; פרידלאַנד, סינסינעטי; און לייבאָוויץ, רטשעסטער.

קאָנווענשאָן קאָמיטע, 10 דעלעגאַטען: — העסקעל, נ. י.; מאַלאַט, נ. י.; פּאַוולאָוו, פּראָווידענס; לין, נואַרק; סילווערשטיין, שיקאַגאָ; לעוויט דעטראָיט; קויפמאַן, קליוולאַנד; שאָר, פּאָרטלאַנד און קרעס, מילוואָקי.

ליגעל קאָמיטע, 11 דעלעגאַטען: — פּערלאַוויץ, נ. י.; דייווידאָף, נ. י.; אדלער, נ. י.; סיגעל, נ. י.; גערשאַנאָף, נ. י.; סילווערמאַן, נ. י.; זאַלצמאַן, נ. י.; וואַלבערג, נ. י.; האַלפּערן, נ. י.; מינדלין, נואַרק און לובאַרטאַווסקי, קענזעס סיטי.

פר. ישורין בעמערקט דאָס די דיסטריביושאָן קאָמיטע האָט ווי ווייט מעגליך געטרייט נאָכצוקומען דעם פערלאַנג פון די דעלעגאַטען ביים אויסקלייבען די קאָמיטעען.

דער בעריכט ווערט גוט געהייסען און דערמיט ווערט די 5טע זיצונג געשלאָסען.

—

### 6טע זיצונג, דאָנערשטאַג פריה.

אלס טשערמאַן פון דער זעקסטער ציזונג ווערט ערוועהלט מ. וואַלבערג, ניו יאָרק, און וויים טשערמאַן, סאַקאַלסקי, פון פיטסבורג. עס ווערט בעשלאָסען דאָס די קאָנווענשאָן זאָל זיך שליסען פרייטאַג אבענד און אויב עס וועט נויטיג זיין זאָל דאָנערשטאַג אבענד אדער פרייטאַג זיין א ספּעציעלע זיצונג.

פּראָטאָקאָל פון דער 5טער זיצונג פאַרגעלעזען און גוט געהייסען.

גענ. לולאָוו בעגריסט די קאָנווענשאָן אין נאָמען פון דער אידישער פעדעראַציע און די „נייע וועלט".

פר. דינערשטיין בעריכטעט פאר דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע:

ער ערקלעהרט דאָס דיעזען יאהר איז דער קאָמיטע אויסגעקומען צו ארבייטען אונטער שווערע אומשטענדען, א דאנק דער מלחמה. עס איז נויטיג געווען צו זעהן דאָס אין דיעזען שווערען יאהר זאָלען מיר אמווייניגסטענס ניט פערלירען קיין מעמבערס און האָבען דארום געפּרובט אנצופיהרען א קאַמפּיין פון איין זייט, אז פיעלע מעמבערס זאָלען זיך ניט שטרייכען, און אזוי פיעל נייע מעמבערס ווי מעגליך אריינצונעהמען. און אונז איז געלונגען דיעזען יאָהר אריינצונעהמען 7,800 נייע מעמבערס. נאַטירליך האָבען מיר ניט פערגרעסערט אונזער מעמבערשיפּ מיט 7,800 מעמבערס, ווייל אין פערלויף פון יאהר שטרייכען זיך עטליכע טויזענד מעמבערס. אונזער נעט צוּוואַקס איז געווען 1,000 מעמבערס. מיר האָבען בעזוכט די ברענטשעס איבער'ן לאַנד, אין פערשיעדענע שטעדט און שטעדטלעך, אויפצומונטערען זיי צו ארבייט און טעטיגקייט, און אונזער ארבייט האָט געבראַכט פיעלע פּראַקטישע נוצען. מיר האָבען זיך געשטעלט אין פערבינדונג מיט די טריידס יוניאָנס און אַגיטירט צווישען די מעמבערס צו ווערען מיטגליע־

דער פון ארב. רינג. אויף דעם רעזולטאַט פון אונזער ארבייט אין די יוניאָנס קאָנען מיר זיך ניט בעקלאָגען. איינינע טריידס ברענטשעס, ווי די מילינערי ארבייטער און בוטשער ארבייטער זיינען שוין געווארען ברענטשעס און מיר ערווארטען אין גיכען צו גרינדען נאָך איינינע טרייד ברענטשעס.

דער פאָנד, וועלכען דיזע קאָמיטע בעזיצט פאר דיזער ארבייט איז א צימליך קליינער, און מיר האָבען נאָך ביי היינט צו טאָג א דעפיציט פון 600 דאָלאר.

ער שטעלט זיך אָפּ אויף איינינע „טראָבעלס” וואָס די קאָמיטע האָט געהאט צו סעטלען אין איינינע שטעדט. אזוי איז דער קאָמיטע אויסגעקומען צו שליכטען א סכסוך אין מיזורי סטייט, אין א געוויסען ברענטש אין פענסילווייניא סטייט, און אין באַלטימאָר. מיר האָבען דיזען יאָהר געארבייט געמיינשאַפטליך מיט דער עדיוקיישאָנאל קאָמיטע, ווייל די ארבייט פון דיזע צוויי קאָמיטעס איז איינג פערבונדען. ווען אַ לעקטשורער פון דער עדיוקיישאָנאל קאָמיטע פלעגט ארויספאָהרען פאר א לעקטשור טור, פלעגט ער אויך ריידען וועגען דעם ארב. רינג און די רעזולטאַטען זיינען געוועזן צופריעדענשטעלענדע.

אין זייער ארבייט האָט די קאָמיטע געהאַט די פולע שטיצע פון די נ. ב. אָ. ד. אין יעדען סטייט און די הילפע פון די סיטי קאָמיטעס אין יעדער שטאָדט.

פאָלגענדע אינטערפּעלאציאנען ווערען געשטעלט צו דער אָרגאניזאציאנס קאָמיטע:

ראבלענקא, פון מאָנטרעאל: — אזוי ווי אין קענעדע איז דער דרעפט איידזש העכער פון 31 יאהר, ווי זאלען האנדלען די קענעדער ברענטשעס, און ווארום האָט די ארג. קאָמיטע גאר ניט געטהאָן פאר די קענעדער ברענטשעס?

קאָהן, פילאדעלפיא: — ווארום איז די סיטי קאָמיטע אין פילאדעלפיע צוזאמענגעשטעלט פון איינצעלנע פערטרעטער פון ברענטשעס און ניט פון א קאָנפערענץ, ווי אלע אנדערע סיטי קאָמיטעס?

לאנגער: — ווארום בעריכטעט ניט די ארגאניזאציאנס קאָמיטע וואס עס איז געטון געווארען אויף דעם געביט צו פארקלענערען די צאָהל פון געשטראָכענע מעמבערס אין די ברענטשעס?

לעוויט, דעטראיט: — ווארום האָט די עקז. ענטזאגט דעם פארלאנג פון די דעטראָיטער ברענטשעס צו שיקען א פערטרעטער?

פעלאָוויטש, באלטימאָר, מאכט פאָלגענדע ערקלעהרונג: דעם בריעף וואס די ארג. קאָמיטע האָט בעקומען פון דער סיטי קאָמיטע, איז געשריבען געווארען פון טשערמאן און די סיטי קאָמיטע איז ניט פעראנטווארטליך פאר געוויסע אויסדריקע אין דעם בריעף. דער בריעף פון דער ארג. קאָמיטע צו דער סיטי קאָמיטע איז שלעכט פארשטאָנען געווארען און די גאנצע אנגעלעגענהייט איז געוועזן א מיספערשטענדניס.

עבעריל, ניו יארק: — וואס זיינען די מיטלען, וואס די אָרג. קאָמיטע האָט אָנגענומען צו מעגליך מאכען די פעראייניגונג פון דעם לייבאָר ליעג מיט דעם ארב. רינג.

אלפּערט, אָהייאָ: — וועלכע געשטראכענע מעמבערס, פון וואס פאר א יאָהר, רעקאָמענדירט די אָרג. קאָמיטע אריינצונעהמען אלס נייע מעמבערס און ניט פערלאנגען די פריהעריגע שולדען?

גינצבורג, קאליפארניא: — ווארום ענטזאגט די ארג. קאָמיטע צו לייסטען הילפען די דאָרטיגע ברענטשעס זיך צו פארשפרייטען אין דאָרטיגען סטייט.

אלטמאן, ניו יארק: — וואס איז געטון געווארען צו מאכען דעם ארב. רינג געזעצליך אין קענעדע?

נאטאוויטש, פעטערסאן: — ווארום זעהט ניט די ארג. קאָמיטע אָנצונעהמען מיטלען אז דער אינד. ארב. רינג זאל ניט האָבען קיין פלאץ אין אזעלכע פלעצער, וואו דער ארב. רינג איז געזעצליך?

פּארענט, באפאלא: — האָט די ארג. קאָמיטע עטוואס געטון צו אריינגעהן אין פארהאנדלונגען מיט דעם אינד. ארב. רינג?

פר. דינערשטיין ענטפערט אויף די אינטערפּעלאציאָנען.

די רעקאָמענדיישאָן פון דער אָרג. קאָמ. אריינצונעהמען געשטראָכענע מעמבערס בעציהט זיך אויף אלע געשטראָכענע מעמבערס פון אירגענד וואָס פאר א יאָהר.

די אלע פראגען, וועלכע זיינען פערבונדען מיט דעם לייבאָר ליעג, אינד. אר. ר. און אין אלגעמיין מיט דער לעגאליטעט וועט רעפּאָרטען דער אלגעמיינער עקז. קאָמ. אין איהר רעפּאָרט און וועט שוין ענטפערען גלייכצייטיג אויך די אינטערפּעלאציאָנען.

די קאָמיטע האָט געטון פאר קענעדע וויפיעל עס איז מעגליך געוועזן צו טון אונטער די אומשטענדען. צו שיקען פארטרעטער פון ניו יאָרק קיין קענעדע איז יעצט שווער.

אין פילאדעלפיע האָבען די ברענטשעס פארלאָנגט דאָס די סיטי קאָמיטע זאָל זיין צוזאמענגעשטעלט פון פארטרעטער פון יעדען ברענטש און אָבוואָל די אָרג. קאָמ. גלויבט ניט אז פאר פילאדעלפיע איז פּאסענד צו האָבען אזא פערטרעטערשאפט, האָט דאָס די אָרג. קאָמ. באוויליגט, אום די פילאדעלפיע סיטי קאָמיטע זאָל ניט קיין טענות האָבען אז מען האָט איהר געשטערט אין דער ארבייט.

זיי האָבען קיין דעטראיט ניט געשיקט קיין פארטרעטער, ווייל דער פארלאנג פון די צו האָבען אזא פארטרעטער דאָרט איז געקומען קירצליך נאָך דעם ווי פר. באסקין האָט בעזוכט דעטראָיט און די קאָמ. האָט דארום ניט געפונען פאר נויטיג צו יענער צייט א פארטרעטער צו שיקען.

די אָרג קאָמ. האלט ניט פאר ראטזאם צו פארשפרייטען איהר טעטיגקייט אין קאליפאָרניא סטייט צוליעב דעם געזונדס צושטאנד פון יענע איינוואָהנער.

די קאָמ. ווען זי האָט געשיקט דעם רעפערענדום וועגען די געדרעפטעטע מעמבערס, האָט זיך געמוזט רעכענען מיט דעם צושטאנד פון די פאראייניגטע שטאאטען, וואו די דרעפט יאָהרען זיינען צווישען 21 און 31.

פריינד עפּשטיין בעגריסט די קאָנווענשאָן, אין נאָמען פון דער קראפּאָטקין ליטעראטור געזעלשאפט, און פרעזענטירט די קאָנוועגשאָן מיט די אויסגאבען פון דיזער געזעלשאפט פאר פארגאנגענעם יאָהר.

די קרעדענשעל קאָמיטע רעפּאָרטעט, אז צו זיי איז אריינגעקומען א בריעף פון די פאציענטען פון סאניטאריום וואו זיי בעקלאָגען זיך אויף דעם דאָקטאָר. דער בריעף איז פון קיינעם ניט אונטערגעשריבען נאָר בלויז מיט א זיעגעל פון די פאציענטען פון אר. ר. סאניטאריום, די קאָמ. רעקאָמענדירט דיזען בריעף אָבצוגעבען צו דער סאנ. קאָמיטע.

אזא אנגעלעגענהייט באלאנגט ניט צו דער קאָנוועגשאָן, די קאָמ. בעריכטעט אָבער וועגען דעם אום קיינער זאָל ניט זאָגען אז דער בריעף איז אונטערדריקט געוואָרען.

ווייטער רעקאָמענדירט די קרעדענשעל קאָמיטע, דאָס ווען א קאָמיטע ברענגט אריין אַן איינשטימיגען רעפּאָרט, דארף די קאָנוועגשאָן שטימען אָהן דעבאטען, דאפיר אָדער דאגעגען. אויב די קאָמיטע ברענגט אריין א מאיאָריטעט און א מינאָריטעט רעפּאָרט קאָן די פראגע דעבאטירט ווערען פון 2 דאפיר און 2 דאגעגען. די צייט פאר אזא דעבאטע ווערט בעשטימט פון קאָנוועגשאָן, לויט דער וויכטיגקייט פון דער פראגע.

דיזע רעקאָמענדיישאָנס ווערען פון קאָנוועגשאָן אָנגענומען.

די קאָמיטע רעפּאָרטעט ווייטער, דאָס זי האָט נאָכגעקוקט די באלאָטס פון די ערוועהלטע צו דער נאציאנאלער פערוואלטונג און פאָלגענדע זיינען ערוועהלט געווארען:

| נאמען. | שטימען. |
|---|---|
| 1. ב. האפמאן, בר. 275 | 5150 |
| 2. אב. עפשטיין, בר. 1 | 5112 |
| 3. דזש. וויינבערג, בר. 2 | 4483 |
| 4. ה. בורגין, בר. 49 | 4335 |
| 5. א. דינערשטיין, בר. 99 | 4209 |
| 6. ר. גוסקין, בר. 206 | 3998 |
| 7. אב. צוקער, בר. 400 | 3944 |
| 8. ס. פערלאוויץ, בר. 280 | 3870 |
| 9. ס. יעלין, בר. 6 | 3807 |
| 10. מ. איווענסקי, בר. 194 | 3499 |
| 11. ס. וויינבלאט, בר. 36 | 3361 |
| 12. א. אדלער, בר. 510 | 3318 |
| 13. מ. וואלבערג, בר. 82 | 3311 |
| 14. ל. ראטהמאן, בר. 195 | 3238 |
| 15. ר. זאלצמאן, בר. 286 | 3189 |
| 16. מ. דייווידאוו, בר. 2 | 2979 |
| 17. נ. פריימאן, בר. 39 | 2822 |
| 18. ס. דראבקין, בר. 352 | 2822 |
| 19. דזש. ראטהמאן, בר. 49 | 2815 |
| 20. ס. וואלאס, בר. 75 | 2763 |
| 21. ב. וואלאוויץ, בר. 43 | 2725 |
| 22. מ. גערשאנאוו, בר. 132 | 2704 |
| 23. מ. גאלדינג, בר. 367 | 2701 |
| 24. י. סילווערמאן, בר. 455 | 2681 |
| 25. פ. יודיטש, בר. 75 | 2334 |
| 26. דזש. וויינשטיין, בר. 280 | 2220 |
| 27. ס. שפינראד, בר. 235 | 2192 |
| 28. מ. מאלאט, בר. 99 | 2079 |
| 29. ז. שפייער, בר. 75 | 1768 |
| 30. דזש.זארעטסקי, בר. 27 | 1743 |
| די ערשטע 30 זיינען ערוועהלט. | |
| דזש. וואלף, בר. 74 | 1680 |
| ה. פעלדמאן, בר. 149 | 1662 |
| מ. פאזעס, בר. 87 | 1228 |
| מ. פערלשטיין, בר. 206 | 1107 |
| ס. זעלדין, בר. 206 | 1088 |
| דזש. ראזענבלאט, בד. 539 | 1071 |
| ס. מינטץ, בר. 275 | 1070 |
| א. קאסאוויטץ, בר. 136 | 1042 |
| ל. אלטמאן, בר. 455 | 1005 |
| ל. ביילין, בר. 99 | 993 |
| מ. ס. מאלאט, בר. 183 | 963 |
| ס. קאפלאן, בר. 72 | 942 |
| ל. פלאשענבערג, בר. 49 | 902 |
| ה. אוטשיטעל, בר. 4 | 882 |
| ב. סמיטה, בר. 75 | 880 |
| נ. עהרליך, בר. 42 | 847 |
| מ. סלאבאדא, בר. 501 | 822 |
| ל. ב. עפשטיין, בר. 201 | 730 |
| ל. גאלינסקי, בר. 146 | 653 |
| מ .פריעדמאן, בר. 28 | 651 |
| ב. קראפקא, בר. 235 | 619 |
| ד. גאלדמאן, בר. 99 | 602 |
| פ. גיטלין, בר. 442 | 521 |
| א. בענימאוו, בר. 260 | 500 |
| י. צודאקאוו, בר. 58 | 490 |
| ב. לעווין, בר. 201 | 423 |
| ה. קליינמאן, בר. 42 | 402 |
| ב. קיילים, בר. 299 | 353 |
| ר. בראידי, בר. 164 | 332 |
| מ. בעקער, בר. 33 | 318 |

די קאנוועגשאן בעשליסט צו ראטיפיצידען און ערקלעהרען די זעלבע אלס ערוועהלטע.

עס ווערט דאן פארגענומען וואהל פאר טשערמאן פאר קומענדע זיצונג און פר. אשינסקי, פון נוארק, ווערט אלס טשערמאן ערוועהלט. דערמיט שליסט זיך די 6טע זיצונג.

—

### 7מ׳ץ זיצונג.

די זיבעטע זיצונג ווערט ערעפענט דאנערשטאג, 2 אוהר נאכמיטאג, מיט פר. שאשינסקי פון נוארק אלס טשערמאן און מיסס קאפלאן, פון ברידזשפארט, קאנג., אלס וויים טשערמאן. עס ווערען פארגעלעזען בעגריסונגס טעלעגראמען פון בראנטשעס פון ארב. רינג און פארשיעדענע ארגאניזאציאנען איבערן לאנד.

דער פראטאקאל פון דער 6טער זיצונג ווערט פארגעלעזען און גוט געהייסען.

גענ. צביון בעגריסט די קאנוועגשאן אין נאמען פון „בונד”.

פר. ב. האפמאן, דעלעגאט פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע, רעפארטעט פאר דער עדיוקיישאנאל קאמיטע. ער ערקלעהרט, דאס די עדיוקיישאנאל ארבייט איז פון דער פריהעריגער קאמיטע טיילוויז פערנאבלעסיגט געווארען צוליעב דעם וואס איינינע מיטגליעדער פון דער קאמיטע זייגען אפגעפאהרען קיין רוסלאנד נאך דער רעוואלוציאן. ארבייט ניט קיין פערענדיגטע איז פון דער קאמיטע פארבליבען און אויך א היבשער דעפיציט אין דעם עדיוקיישאנאל פאנד. די ארבייט פון דער קאמיטע איז בעשטאנען פון די פאלגענדע הויפט אבטיילונגען:

לעקטשורס: די רעוואלוציאן אין רוסלאנד האט צוגענומען א גרויסען טייל פון די היגע לעקטשורערס און עס איז פארבליבען א גאנץ קליינע צאהל לעקטשורערס. די קאמיטע איז דארום ניט געווען אימשטאנד צו אראנזשירען מעהר ווי איין לעקטשור טור מיט דר. גורעוויטש. די טהעמען, האט די קאמיטע געגלויבט, דארפען זיין וועגען טאגעס פראגען וואס קאנען פאראינטערעסירען אונזערע מעמבערס. דר. גורעוויטש׳ס טור איז דורבגעפיהרט געווארען מיט ערפאלג.

אין ניו יארק האט די קאמיטע אראנזשירט א סעריע פון איינינע לעקטשורס מיט די בעסטע לעקטשורערס וואס מען קאן נאר בעקומען. ביי די לעקטשור זיינען אויך געווען קאנצערטען, איינטריט פריי פאר מעמבערס פון ארב. רינג, און דאך זיינען די לעקטשורס געוועז א דורבפאל. עס איז אינטערעסאנט דערביי צו בעמערקען, דאס די זעלבע לעקטשורערס, ווען זיי האבען געלעקטשורט אין אנדערע אבענדען, ניט פאר׳ן ארבייטער רינג, וואו עס האט יא געקאסט איינטריטס געלד, זיינען די לעקטשורס יא געווען בעזוכט. די זעלבע לעקטשורס, וואס זיינען געהאלטען געווארען אין ניו יארק זיינען אויך געהאלטען געווארען אין פעטערסאן און אין נוארק, און דארט זיינען זיי געווען אן ערפאלג.

אויף דעם געביט פון לעקטשורס האט זיך די קאמיטע אויך בענוצט מיט דעם „געשריבענעם קאלעדזש”, וועלכער בעשטעהט פון 10 לעקציעס, און האבען גערעבענט בלויז 50 סענט פאר א קורס, און דיעזער פערזוך איז אויך געווען א דורכפאל.

וועגען ביכער: די קאמיטע האט ארויסגעגעבען א סעט פון 7 ביכער איבער נאטור וויסענשאפט. דער פרייז, וואס די קאמיטע רעכענט פאר מעמבערס, איזבלויז $1.50 א סעט. די ווערט פון אזא סעט, ווען ער זאל פערקויפט ווערען צו א פאבלישער, וואלט געווען 2 דאלאר. דאס איז צו פערדאנקען דער ארבייט פון דער קאמיטע, וואס האט יעדער זאך אליין איינגעקויפט און די ארבייט אליין געטון, אהן קיינע פערמיטלער.

די קאמיטע האט אויך געהאט צו פערוואלטען דעם ארב. רינג באר, וועלכער קאסט איבער 700 דאלאר א יאהר, דעם ארב. רינג ארקעסטער, וועלכער איז ניט לאנג צוזאמענגעשטעלט געווארען, און די פרייע אידישע פאלקס ביהנע, וועלכע איז א בראנטש פון ארב. רינג. עס איז דערביי אינטערעסאנט צו בעריכטען, אז דעם 1טען מאי, ווען דער ארבייטער רינג האט געפייערט אין ניו יארק, האט זיך די עדיוקיישאנאל קאמיטע בענוצט מיט אייגענע קרעפטע. דער באר, די פרייע ביהנע און, צום ערשטען מאל, דער ארקעסטער פון ארב. דינג. און דער קאנצערט איז געווען א גרויסער ערפאלג.

וועגען די אידישע שוהלען: די לעצטע קאנוועגשאן האט בעשלאסען צו גרינדען אידישע שוהלען און בעאויפטראגט די עדיוקיישאנאל קאמיטע די ארבייט צו טון. קיין בודזשעט אבער פאר דיעזער ארבייט האט די קאנוועגשאן ניט בעשטימט. די עדיוקיישאנאל קאמיטע איז דארום געצוואונגען געווען צו רופען א קאנפערענץ פון די ניו יארקער בראנטשעס צו זובען מיטלען ווי אזוי דיעזע ארבייט אנצופאנגען. דער קאנפערענץ איז געווען צימליך גוט בעזוכט און דער רעזולטאט איז געווען, דאס די עדיוקיישאנאל קאמיטע האט ארויסגעשיקט א רעפערענדום צו די ניו יארקער בראנטשעס וועגען א 3 סענטיגען טעקס פער מעמבער א קווארטאל. ליידער אבער האבען בלויז ביי 20 בראנטשעס געשטימט דעם רעפערענדום. די קאמיטע רעקאמענדירט דארום א נאציאנאלען טעקס פון 4 סענט א יאהר פאר דיעזען צוועק.

עס איז קיין צווייפעל ניט, דאס פיעלע בראנטשעס אין לאנד זיינען אין די שוהלען פאראינטערעסירט און די שוהלען זיינען דארום א נויטווענדיגקייט.

וועגן „פריינד”: פאר א לענגערער צייט האָט די קאָמיטע קיין רעדאקטאָר ניט געהאט. אויך דער סעקרעטער פון דער קאָמיטע האָט רעזיגנירט, און דארום האָט די קאָמיטע געהאט שוועריגקייטען דורכצופיהרען די ארבייט פינקטליך. ענדליך אָבער האָט די קאָמיטע אָנגעשטעלט גען. ביילין פאר רעדאקטאָר און סעקרעטער פון דער עדיוקיישאָנאל קאָמיטע, און די קאָמיטע ערווארטעט דארום אז יעצט וועט דער „פריינד” זיין מעהר פּאָלקאָם ווי געוועזן. זאל זיך אָבער ארויסצייגען, אין פערלויף פון יאהר, אז דער „פריינד” שטעלט דאָך ניט צופריעדען די מעמבערס, וועט די קאָמיטע זעלבסט זיין די יעניגע, וועלכע וועט רעקאָמענדירען איהם אָבצושאפען.

אין אָפיס זיינען קיין פיעל קאָמפּליינס פון די ברענטשעס ניט אריינגעקומען, בלויז מיט די באַלטימאָרער ברענטשעס זיינען געוועזן אייניגע מיספערשטענדניסע.

מיט די אנדערע קאָמיטעס האָט די עדיוקיישאָנאל קאָמיטע געארבייט הארמאָניש און עס קומט זיי א דאנק פאר דער הילפע וואס זיי האָבען געלייסטעט דער עדיוקיישאָנאל קאָמיטע אין איהר ארבייט.

צולעצט ערקלעהרט פר. האָפמאן, דאָס די עדיוקיישאָנאל קאָמיטע האָט באשלאָסען צו פּרעזענטירען דעם קאָנווענשאָן מיט א סעט ביכער פון דער נייער אויסגאבע, וואס זאל געמאכט ווערען פאר א פּרעזענט צום לייבאָר לייסעאום אין פּיטסבורג, אויך מיט א בוך איבער קארל מארקס, וואס די עדיוקיישאָנאל קאָמיטע, צוזאמען מיט דער אידישער פעדעראציע, האָט ארויסגעגעבען צום 100 יאהריגען יובילעאום פון קארל מארקס; צו פּרעזענטירען די סעקרעטערע פון קאָנווענשאָן, און דעם טשערמאן, סעקרעטער און טרעזשורער פון דער קאָנווענשאָן־אראנזשמענטס קאָמיטע יעדען מיט א סעט ביכער.

זיי מאכען אויך פאָלגענדע רעקאָמענדיישאָנס צום קאָנווענשאָן:

דער קאָמיטע זאל ערלויבט ווערען זיך בענוצען מיט דעם סורפּלוס פון „פריינד” פאר עדיוקיישאָנאל ארבייט, און אז די קאָנווענשאָן זאל בעשליסען וואס צו טון מיט דעם חוב פון 200 דאָלאר וואס קומט ארויס פון שלום אש, וואָס ער האָט גענומען נאָך מיט א יאָהר צוריק אויף דעם רעכנונג פון א לעקטשור טור וואָס ער האָט געזאָלט מאכען, און וועלכע ער ענטזאגט זיך אומצוקעהרען, אָבוואָהל דעם לעקטשור טור האָט ער קיין מאָל ניט געמאכט. די עקזעקוטיוו קאָמיטע ענטזאגט זיך דיעזען חוב גוט צו מאכען.

פאָלגענדע אינטערפּעלאציאנען ווערען געשטעלט דער עדיוקיישאָנאל קאָמיטע:

פיינערמאן, ניו יארק: — צו וואס רעקאָמענדירט די עדיוקיישאָנאל קאָמיטע דאָס דער סורפּלוס פון „פריינד” זאל אָבגעגעבען ווערען צו דעם עדיוקיישאָנאל פאָנד, איז ניט בעסער אינגאנצען צו מאכען איין פאָנד פון ביידע? דענקט ניט די קאָמיטע, אז איין גרויסער פאָנד פאר אלגעמיינע עדיוקיישאָן, וועט דעם ארב. רינג געבען מעהר פּרעסטידזש?

וויינבערג, ניו יארק: — ווארום האָט די עדיוקיישאָנאל קאָמיטע, ביים אָנשטעלען א נייעם רעדאקטאָר־סעקרעטער, זיך ניט גערעכענט מיט'ן פאקט, דאָס דער „פריינד” איז דער אָרגאן פון דער עקזעקוטיווע און דארף פאָלגליך ארויסגעגעבען ווערען פון דער עקזעקוטיווע אלס גאנצע? ווארום רעקאָמענדירט ניט די עדיוקיישאָנאל קאָמיטע איין פאָנד פאר עדיוקיישאָנאל און ארגאניזאציאָנס ארבייט צוזאמען?

דיזעלבע פראגען ווערען אויך געשטעלט פון פר. אלטמאן, ניו יארק.

ליכטמאן, פילאדעלפיא: — קען די קאָמיטע אונז זאָגען, ווי וויט ערפאָלגרייך עס האָט זיך ארויסגעצייגט די פּראבע צו טון די עדיוקיישאָנאל ארבייט צוזאמען מיט דער ארגאניזאציאָנס קאָמיטע? וואלט די עדיוקיישאָנאל קאָמיטע אויך געספּענדעט געלד אום צו שאפען כאָרען אין די קאָונטרי? ווער איז שולדיג אין דעם, וואס 200 דאָלאר איז געגעבען געווארען צו שלום אש פאר לעקטשורס, וועלכע ער האָט ניט געהאלטען, די יעצטיגע עדיוקיישאָנאל קאָמיטע אדער די פאר א יאָהריגע?

**הארקאוו: — ווארום** קריגען ניט אלע שטעדט פּראָפּאָרציאָנעל פאר עדיוקיישאָנאל ארבייט? וואָס פאר אן אויסגאבען האָט די עדיוקיישאָנאל קאָמיטע געמאכט פאר טאנצען?

זאלקין, ניו הייווען, און גינזבורג, קאליפאָרניא: — ווארום זיינען די געשריבענע לעקטשורס געווען א דורכפאל? ווארום — אויב עס איז דאָ א סורפּלוס אין פאָנד — ניט מאכען דעם „פריינד” מעהר אינטערעסאנט? און ניט אָנגעשטעלט א גוטען רעדאקטאָר?

דעלעגאט פון באפאלא: — ווארום ווערט די מעילינג פון „פריינד” ניט בעסער קאָנטראָלירט? ווארום האָט מען ניט געשיקט אין דער קאָנטרי קיין בעסערע לעקטשורערס? דער לעקטשורער וואס איז געפאָהרען האָט געמאכט א דורכפאל ווייל ער איז ניט געווען פאָרבערייטעט און די לעקטשורס ניט גוט בעארבייט. ווארום האָט די עדיוקיישאָנאל קאָמיטע זיי ניט געגעבען קיין געלד אָנצופיהרען געמיינשאפטליך עדיוקיישאָנאל ארבייט מיט אָרטיגע קרעפטען?

קאסאוויטש, ניו יארק: — ווארום האָט די עדיוקיישאָנאל קאָמיטע ניט גענומען קיין שטעלונג אין דעם שלום אש אינצידענט?

ליובארטאווסקי, קענזאס סיטי: — ווארום גיט די עדיוקיישאָנאל קאָמיטע ארויס וויסענשאפטליכע ביכער און ניט קיין פּאָפּולערע? ווארום קריגען געשטראכענע מעמבערס דעם „פריינד”?

פעלאָוויטש, באַלטימאָר: — ווארום האָט די עדיוקיישאָנאל קאָמיטע זיך ענטזאגט צו בעצאָהלען זיי א ביל און אנגעגעבען אלס אורזאכע דאָס דער ביל איז נאָך פון דער אלטער קאָמיטע? פיהרט זיך דען, דאָס קיין קאָמיטע צאָהלט ניט אויס קיין בילס פאר די פאריגע קאָמיטעען?

פר. צביון'ס ענטפער:

1) די אורזאכע, ווארום מיר רעקאָמענדירען ניט צו פאראייניגען דעם עדיוקיישאָנאל פאָנד צו זאמען מיט'ן „פריינד”, איז, ערשטענס, ווייל אזוי לויטעט אונזער קאָנסטיטושאָן, און צווייטענס, דענקט ער, אז עס איז ניט ראטזאם אָפיציעל ביידע פאָנדס צו פארשמעלצען. פאקטיש ווערען ביידע פאָנדס ממילא פארשמאָלצען.

צו דער פראגע וועגען די טאנץ שולען וויל ער זאגען, דאס זיי האָבען זיך געוויזען צו זיין א נויטיגע איינריכטונג, און דעריין האָבען זיי אויך געהאט די שטיצע פון דער ניו יארקער באָארד אוו עדיוקיישאָן.

די טענות פון באַלטימאָר זיינען ניט קיין ריכטיגע. אין דעם, וואָס זיי האָבען ניט געקראָגען קיין געלד איז שולדיג זייער אָרטיגער סעקרעטער, וועלכער אנשטאט צו שרייבען וואס ער וויל, האָט געקיבעצט דער עדיוקיישאָנאל קאָמיטע. געלד ווערט בעוויליגט נור דאן, ווען מען שיקט א רעפּארט וואס מען האָט אויפגעטון.

וואס אנבעלאנגט די פראגען, ווארום מען מאכט ניט קיין פארבעסערונגען אין „פריינד”, איז די אורזאכע, וואס ביז לעצטען יאהר איז דער „פריינד” פאָנד געווען אין דעפיציט און מען האָט ביז יעצט ניט געקענט טראכטען פון פערבעסערונגען. מען וועט אָבער דאָס טרייען צו טון אין דער צוקונפט.

דער קאָמפּליינט וועגען די ניט רעגעלע מעילינג איז אפילו א גאנץ גערעכטער, אָבער אזעלכעס איז שווער אויסצובעסערען, צוליעב טעכנישע אורזאכען. דאָס איז אן איבעל פון וועלכען עס ליידען אפילו די רייכסטע, גרעסטע זשורנאלען. דאס, און נאָך פיעלע פערנאכלעסיגונגען, וועלכע זיינען די אורזאכע וואס דער דעפּארטמענט האָט ניט קיין שטענדיגען פעראנטוואָרטליכען סעקרעטער, האָט זיי געמאכט אָנצושטעלען א מענשען, וועלכער זאָל זיין ביידע זאכען: סעקרעטער און רעדאקטאָר פון „פריינד”, און דיעזעס איז געטון געווארען מיט דער גוטהייסונג פון דער עקזעקוטיוו קאָמיטע.

די פאקטען פון דער באפאלער אינטערפּעלאציע זיינען איהם אונבעקאנט און ער וועט זיין ענטפער צושיקען צום ברענטש שריפטליך.

די לעקטשורערס, וואס די עדיוקיישאָנאל קאָמיטע האָט ארויסגעשיקט, זיינען די בעסטע וועלכע מען האָט געקאָנט קריי־

גען. מעגליך, אז דער בענרעבענדער האט אין איין שטאדט געהאלטען א ניט געלונגענע לעקטשור, אבער אזוינס קען פאַסירען מיט'ן בעסטען לעקטשורער.

די טענה אז די ביכער וואס די עדיוקיישאנאל קאמיטע גיט ארויס זיינען ניט קיין פאפולערע, איז אונבעגרינדעט. די עדיוקיישאנאל קאמיטע דענקט גראדע פארקעהרט, אז די ביכער זיינען אי ווויסענשאפטליך אי פאפולער און האבען א גענוגענדע צאהל סובסקרייבערס.

אין דעם אינצידענט מיט שלום אש איז שולדיג די עדיוקיישאנאל קאמיטע פון לעצטען יאהר. פארלויפיג קען דאס געלט ניט ווערען אויסגעצאהלט.

צולעצט בעשטרייט פר. צביון די טענה, אז מיר טוען גאר ניט צו אמעריקאניזירען אונזערע מעמבערס. פארקעהרט. די עדיוקיישאנאל קאמיטע טוט פיעלעס אין דיעזער הינזיכט. מען האט ארויסגעגעבען צוויי ביכער איבער די געשיכטע פון אמעריקא, וועלכע זיי געהען יעצט דרוקען אין א צווייטע אויפלאגע. נאך זיין מיינונג איז די בעסטע אמעריקאניזירונג צו בילדען די מעמבערס פון ארב. רינג.

אין אלגעמיין פרעהט איהם די פיעלע אינטערפעלאציאנען, ווייל דאס צייגט אז די עדיוקיישאן איז ניט קיין נשמה יתירה, נור די אמת'ע נשמה פון ארב. רינג, און ער האפט דאס די דעלעגאטען וועלען עפעס מעהר טון פאר דער נשמה און באווילינגען א גרעסערען פאנד מאר נעקסטען יאהר.

עס בעגריסט דאן די קאנווענשאן גענ. אלעקס קאהן, אין נאמען פון די פיפעלס רעליעף און אין נאמען פון די „ניו יארק קאל."

קאנגרעסמאן גענ. מ. לאנדאן בעגריסט די קאנווענשאן. ער זאגט:

מיר לעבען יעצט דורך א פעריאדע, וואס האט צו זיך קיין גלייכען אין דער מענשליכער געשיכטע. הונדערטער יאהרען האט מען געקעמפפט מיט פערשיעדענע פארמען וואס האבען דעם לעבען פערביטערט און מיר האבען געדיינקט, אז מיר זיינען שוין ווייט־ווייט אוועק פון יענע צייטען, און נאך הונדערטער יאהרען פון קאמפף געפינען מיר זיך אין אזא לאגע ווי פאר הינדערטער יאהרען צוריק. מיר לעבען יעצט דורך א נייעם מבול, אבער ניט א מבול פון וואסער, נאר א מבול פון טייכען בלוט, און מיט אונגעדולד ערווארטען מיר נח'ס קאסטען, וואס זאל אונז קומען רעטען פון דער פערטריינקעניש. דיעזען קאסטען וועלכען מיר ערווארטען, זיינען דאס די שטראהלען פון ליכט און אויפקלעהרונג, די שטראהלען פון סאציאליזם.

עס קומען אפט מאמענטען פון יאוש, ווען עס צייגט זיך אויס אז מיר קלאפען מיט א קולאק אין אן אייזערנער וואנט, אבער מען טאר ניט קיין מוטה פערלירען, מען הויבט זיך אן צו בסלעך צו אונזערע צוהערען, אונזערע געדאנקען פאנגען אן אריינצודרינגען אין די מחות און הערצער פון אמעריקאנער פאלק. זיי פאנגען אונז אן צו בעגרייפען און פארשטעהן. מיר האבען אבער יעצט דורכצומאכען זעהר א שווערע צייט, א מיליטערישע קראפט סטראשעט יעצט די גאנצע וועלט מיט פערניכטונג. דיעזע קראפט האט אין פערלויף פון פיער יאהר צייט פערניכטעט פעלקער און לענדער. דיעזע קראפט האט גענומען א לאנד, וואס איז פאר הונדערטער יאהרען געווען בעגאסען מיט בלוט פון זיינע אונטערדריקער, און וואס האט זיך ענדליך באפרייט, און דיעזעם לאנד האט דיעזע שרעקליכע מיליטערישע קראפט אויף שטי לעך צוריסען.

פראנקרייך, וואס איז די וויגעלע פון פרייהייט, פראנקרייך'ס הייליגע ערד ווערט געטראטען פון דער זעלבער מיליטערישער מאכט.

און אונזער לאנד, דאס לאנד וועלכעס איך אנערקען אלס דאס בעסטע, פרייעסטע לאנד אין דער וועלט, דאס לאנד, וואס האט אונז און אונזערע קינדער א פרייע היים געגעבען, איז יעצט אין מלחמה מיט דיעזער שרעקליכער מאכט און מיר קאנען ניט אפפאדרען, דאס אזא לאנד זאל פון דיעזער מלחמה ניט ארויסגעהן דער זיעגער. און ווען איך רעד פון זיעגער, מיין איך ניט א זיעג פון געוואלד, נאר א זיעג פון יושר און גערעכטיגקייט. די גאנצע וועלט. די פראגרעסיווע וועלט. האט יעצט טער פוז טאגעס ארדנונג פון די קאנווענשאנס פאר די לעצטע

אנערקענט פרעזידענט ווילסאן'ס פילאזאפיע, און דער פרעזידענט האט אנערקענט אונזער פילאזאפיע פון סאציאליזם, וועמעס גרונד געדאנק איז אן אינטערנאציאנאלע קאאפעראציאן פון פעלקער איבער דער וועלט.

ניין, מיר ווילען ניט פערהאסען דאס דייטשע פאלק, מיר ווייסען אז דאס פאלק איז ניט שולדיג אין די גרויזאמקייטען וואס ווערען פון זיינע הערשער באגאנגען, אזוי גוט ווי מיר קאנען ניט האסען דאס רוסישע פאלק פאר די פאגראמען וואס זיינע הערשער האבען געמאכט אויף די אידען.

ביי היינט צו טאג זיינען ניט פאראן קיינע מענשען, וועלכע קאנען זאגען אז זיי דיינקען היינט ווי געסטערען. נייע פראבלעמען זיינען געשאפען געווארען אין די דענקונגס־קראפט פון מענשען מוז זיך ענדערען לויט די נייע צושטענדע.

דער עספיאנאזש געזעץ, וועלכער איז אנגענומען געווארען אין קאנגרעס, אבוואהל אונטער די אומשטענדען איז ער געווען א נויטווענדיגקייט, האט אבער געגעבען א געלעגענהייט צו פערשיעדענע טונקעלע פערזאנען אין אונזער קווארטאל צו כאפען פיש אין מוטנע וואסער, אלץ אין נאמען פון פאטריאטיזם, און אויב די מלחמה וועט זיך פערציהען אויף לאנג, וועט אונז אויסקומען דורכצולעבען א שרעקליכע צייט, שרעקליך אין דעם זין פון פרייהייט.

עס איז יעצט א צייט פאר שטארקע מענשען, מיט ווילענס־קראפט. די וועלט ברענט, די וועלט האלט ביים אונטערזעהן, לאמיר זיך ניט פערלירען, לאמיר זיך ניט אבשרעקען פאר די רעאקציאנערען, אבער אויך ניט פאר די אבגעשטאנענע ראדיקאלען, וועלכע זיינען ניט דערוואקסען צו בעגרייפען די ערנסטקייט פון מאמענט.

לאמיר זיין שטארק און קרעפטיג גענוג צו זאגען דאס ריכטיגע ווארט אין דער ריכטיגער צייט. גענוג האבען מיר געליטען, גענוג האבען מיר זיך געמוטשעט. צייט שוין פאר אונז אנצופאנגען א לעבען. עס מוז קומען א בעסערער טאג, און לאמיר האפען, אז ביז דער נעקסטער קאנווענשאן וועט דער טאג קומען. יעדער וואס גלויבט, אז די זון שיינט מוז גלויבען, אז א בעסערע מענשהייט וועט קומען.

פר. א. עפשטיין רעפארטעט פאר דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו קאמיטע.

ער גיט אן איבערבליק איבער דער אלגעמיינער ארבייט פון דער עקזעקוטיוו קאמיטע, וועלכע קאן איינגעטיילט ווערען ווי פאלגט: וועגען די טרייד־יוניאנס. עס איז די מיינונג פון דער עקז. קאמיטע, דאס די טרייד יוניאנס שענקען ניט דעם ארב. רינג די געהעריגע אויפמערקזאמקייט, וואס ער פערדיענט, אבוואהל אין יעדען סטרייק קומען זיי צום ארב. רינג נאך פינאנציעלע און מאראלע שטיצע און די ברענטשעס פון ארב. רינג שפיעלען אפט די ראלע, אין צייט פון סטרייק, פון פיקעטס פאר די סטרייקער, דאך בעלאנגען פיעלע מעמבערס פון די יוניאנס צו אנדערע ארדענס און ניט צום ארב. רינג. אין לעצטען יאהר האט די עקזעקוטיווע גענומען אויף זיך די אויפגאבע אריינצודרינגען אין די יוניאנס און זיי ערקלערען, דאס עס איז זייער פליכט צו זיך זעלבסט און צום ארב. רינג, אז דער פלאץ פון זייערע מיטגליעדער איז ניט אין די אנדערע ארדענס, נאר אין דעם ארב. רינג.

די עקזעקוטיווע האט א טיילווייזען ערפאלג געהאט, ווי עס איז שוין בעריכטעט געווארען פון דער ארג. קאמיטע. עס בלייבט אבער דאך די אויפגאבע פון די דעלעגאטען פון די פארשיעדענע שטעדט צו טון די זעלבע ארבייט אין די ארטיגע יוניאנס, איבערהויפט אין די אינדוסטריעלע צענטערס, וואו עס געפינט זיך א גרויסע אידישע בעפעלקערונג.

וועגען די ארבייט צו לעגאליזירען די סטייטס: — ווי בעקאנט האט די לעצטע קאנווענשאן בעאויפטראגט די עקזעקוטיווע אנצונעהמען אלע נויטיגע מיטלען צו מאכען געזעצליך אלע סטייטס וואו דער ארב. רינג האט ברענטשעס, וואס דאס האט אייגענטליך געמיינט, אז די עקזעקוטיווע זאל אננעהמען מיטלען, אז דער רעפערענדום וועגען די פראטוירנאל רייטס זאל דורכגעהן. דיעזע פראגע, וועלכע איז ניט ארונ־

עטליבע יאָהר, איז ענדליך געלייזט געווארען דורך דער אָנשטריינגענדער ארבייט פון דער עקזעקוטיווע, מיט דער הילפע פון די פארשיעדענע קאָמיטעס, וועלכע די עקזעקוטיוו האָט צוזאַמענגעשטעלט, אין יעדער שטאָדט, קלאָהר און פּאָפּולער צו מאכען די פראגע צווישען די מעמבערס, און עס איז ערפרעהענד דער פאקט, דאָס דער רעפערענדום איז דורבגעגאַנגען מיט אזא גרויסער מאַיאריטעט, און נאָך מעהר ערפרעהענד איז עס, דאָס דיזע רעפארמע האָט ניט פעראורזאבט קיין פערלוסט אין מעמבערס, ווי פיעלע האָבען דאָס פראָפעצייעט. דורך דיעזער רעפארמע האָט דער ארב. רינג געוואונען א נייפעלד פון טעטיגקייט אין אזעלכע פלעצער, וואו ער האָט דאָס פריהער ניט געקאָנט.

וועגען די געדרעפטעטע מעמבערס: — די עקז. קאָמיטע האָט געפיהלט אלס איהר פליבט צו זארגען פאר די מעמבערס, וועלכע וועלען געדרעפטעט ווערען, און האָט דורך א רעפערענדום געשאפען א ספעציעלען פאָנד פון וועלכען עס וועלען געצאָהלט ווערען די דיוס פאר די בעטרעפענדע מעמבערס. די ע זעקוטיווע האָט געמוזט בעטראבטען דיעזע פראגע אלס א נאַציאנאַלע און האָט דאָס ניט געקאָנט לאָזען צו די איינצעלנע ברענטשעס, וואס וואָלט אויף מאַנבע פון זיי געפאַלען צו שווער, א דאנק די גרויסע צאָהל געדרעפטעטע מעמבערס וואס זיי האָבען. דיעזער רעפערענדום, צוגלייך מיט דעם צווייטען רעפערענדום וועגען דער פראגע, אז קאַנדידאטען אין עלטער פון 21 ביז 31 יאהר זאלען אריינגענומען ווערען בלויז אין 4טע קלאַסע, האָט געקראָגען א גרויסע מעהרהייט ביי דער אָבשטימונג. דאָס בעווייזט, אז אונזערע מעמבערס האָבען פארשטאַנען די וויכטיגקייט דערפון. דיעזע פראגען האָבען פארנומען פיעל צייט און ענערגיע פון דער עקזעקוטיוו קאָמיטע.

די עקזעקוטיווע ווינשט, דאָס די דעלעגאַטען זאלען וויסען, און דורך זיי די גאנצע מעמבערשיפ, אז עס שטעהט ניט פאָר קיין געפאהר פאר דעם ארב. רינג, ווען זאגאר די מלחמה וועט זיך פערציהען. פארלויפיג זיינען בלויז ארום 1000 מעמבערס געדרעפטעט געווארען, און ניט קיין 5 טויזענד, ווי עס איז געווען בעריבטעט אין די צייטונגען.

וועגען דעם קאמפיין פאר נייע 10 טויזענד מעמבערס האָט שוין די ארג. קאָמיטע בעריבטעט, דאָס מיר האָבען אריינגענומען ארום 8 טויזענד נייע מעמבערס. אבוואָהל דער עלעמענט, וועלבער שלאָגט זיך פאָר אין ארב. רינג איז פון דעם דרעפט עלטער און וועמען עס איז ניט געווען אין זין צו קלעהרען לעצטען יאָהר וועגען ארב. רינג.

וואָס אנבעלאנגט געשטראכענע מעמבערס קאָן זיך די עקזעקוטיווע אויף דעם אויך ניט בעקלאָגען: עס האָבען זיך דיעזען יאהר ניט גשטראכען מעהר מעמבערס ווי לעצטען יאהר. עס איז זעהר נויטיג פאר די דעלעגאטען צו וויסען, אז אלעס מעגליכעס דארף געטון ווערען צו פארקלענערען די צאָהל פון געשטראכענע מעמבערס אין ארב. רינג. א קליינע צאָהל געשטראכענע מעמבערס איז אין מאַנכע הינזיבטען נאָך וויכטיגער ווי אריינצונעהמען א גרויסע צאָהל נייע מעמבערס.

וואס אנבעלאנגט דעם פינאַנציעלען צושטאַנד פון ארב. רינג, וועלען מיר איבערלאָזען די איינצעלהייטען צו אונזער סעקרעטער. אין אלגעמיין אָבער איז דער צושטאַנד פון אלע אונזערע פאָנדס פערבעסערט געווארען. מיר האָבען אַ סורפלוס אין יעדען פאָנד און דער אלגעמיינער. פערמעגען פון ארב. רינג איז פיעל פארגרעסערט געווארען.

די פערהעלטניסע צווישען די דעפארטמענט קאָמיטעס זיינען געוועזן העכסט פריינדליבע, אָבוואָהל די פאָרם פון פערוואלטונג וואס מיר האָבען, גיט גענוג אורזאכען פאר צאַנקערייען און רייסערייען. און צו פערדאנקען איז דאָס דעם צופאל, וואס די מעהרסטע מיטגליעדער פון דער עקזעקוטיוו זיינען שוין דעם צווייטען יאָהר אין דער פערוואלטונג און האָבען זיך דארום דיעזען יאָהר בעסער פארשטאַנען ווי לעצטען יאָהר.

די עקזעקוטיווע געפינט אויך פאר נויטיג צו פערלירען איינינע ווערטער איבער דעם אינצידענט מיט דר. שוואַט:

עס איז די מיינונג פון דער עקזעקוטיווע, דאָס די סאַניטאַריום קאָמיטע האָט צופיעל נאָבגעגעבען דר. שוואַט׳ן און דער לעצטער האָט געוואלט זיין א גוטער אויף דעם רעבנונג און די פאָנדס פון ארב. רינג, גאָר ניט זוכענדיג קיין עקאָנאָמיע. נאָר ווען ער איז שוין פון סאַניטאריום אוועק איז ער געווארען אן עקאָנאָמיסט און גלויבט שוין, דאָס געלט קאָן געשפּאָרט ווערען. און וואָס אנבעלאנגט דעם יעצטיגען דאָקטאָר, קאָן קיינער מיט זיבערהייט ניט זאָגען ווי לאַנג ער וועט פארבלייבען אין סאַניטאריום. פארלויפיג רעכנט די עקזעקוטיוו קאָמיטע אז ער איז פאַסענד פאר זיין אמט. זאָל אָבער קיינער ניט דיסאפּאָינטעד ווערען, באַלד עס צייגט זיך ארויס אין א קורצער צייט דאָס ער געפינט זיך שוין דאָרט ניט מעהר.

וועגען דער געזעלשאפטליבער טעטיגקייט האָט די עקזעקוטיווע אָנצוצייגען אויף דעם קאמפיין פאר 25 טויזענד דאָלאַר פאר די מלחמה קרבנות. עס איז ווערט דערביי צו בעמערקען, דאָס די געלט וועט פארלויפיג ליגען אין אָפיס, ווייל די געלט קאָן יעצט ניט אוועקגעשיקט ווערען. עס וועט אָבער אָבגעשיקט ווערען אין ריבטיגען פלאַץ אזוי שנעל ווי עס וועט נאָר זיין א מעגליבקייט דערצו.

די עקזעקוטיווע האָט אויך פיעל ארבייט געטון פאר די סאן פראנציסקאָ דעפענס ליעג און פאר דעם סאָציאליסטישען קאמפיין לעצטען יאָהר אין ניו יארק.

די מעהרסטע צייט פון די עקזעקוטיוו מיטינגען איז בערנומען געווארען מיט געזעלשאפטליבע ארבייט.

די עקזעקוטיווע האָט אלעס געטון וואס נאָר מעגליך צו מאַבען די ברענטשעס אַקטיוו און אויב די עקז. האָט אמאָל ניט געשיקט קיין פערטרעטער צו א ברענטש ווען פערלאנגט, איז דאָס געווען איינפאך דערפאר, ווייל זי האָט קיין צייט ניט געהאט.

צולעצט ערקלעהרט די עקזעקוטיוו קאָמיטע, דאָס אָבוואָהל עס הערשט יעצט רוה און אָרדנונג אין ארב. רינג, זיינען דאָך נאָך פאראַן איינינע פערזאנען, וועלכע זוכען צו שאַפען נייע קריגערייען. אזוי איז געווען א פאַל מיט איינינע ברענטשעס פון ברוקלין, וועלבע האָבען זיך געווענדעט צו דער עקזעקוטיווע מיט אַ פערלאנג צו האָבען א באַזונדער קאָנפערענץ אין ברוקלין פאר נאָמינירען דעלעגאטען צום קאָנווענשאָן. דעם פערלאנג האָבען די בעטרעפענדע ברענטשעס צוגעשטעלט דער עקזעקוטיווע 8 טעג בעפאר דעם קאָנפערענץ אין די עקזעקוטיווע איז, נאטירליך, געווען געצוואונגען צו ענטזאָגען. דיזעלבע ברענטשעס זיינען געווען פערטראָטען צום אלגעמיינעם קאָנפערענץ און ווען זייערע דעלעגאטען זיינען דורכגעפאלען, זיינען זיי ארויס מיט אן אטאַקע אויף דער עקזעקוטיוו קאָמיטע. עס איז פאר דער קאָנווענשאָן צו ענטשיידען, אויב די אטאקען זיינען בערעכטיגטע.

באַדאַנקענדיג די מעמבערס פאר דעם כבוד און צוטרוי, וועלבע זיי האָבען געשענקט דער עקזעקוטיוו קאָמיטע, אפּעלירט פר. עפשטיין צו די דעלעגאטען, און דורך זיי צו אלע מעמבערס, פאראייניגט און מיט ענערגיע צו ארבייטען ווייטער פאר דעם וואָהלזיין פון ארב. רינג.

דערמיט איז די 7טע זיצונג געשלאָסען געווארען.

—

## ספעציעלע זיצונג פון פיונעראל דעפארטמענט.

די ספעציעלע פיונעראל זיצונג ווערט ערעפענט דאָנערשטאג, דעם 9טען מאי, 9 אוהר מאָרגענס. אלס טשערמאַן ווערט ערוועהלט פר. ל. ראָטהמאַן. אלס וויים טשערמאַן, בר. הייפערלינג. אלס סעקרעטער, ל. גינזבורג.

עס ווערט פאָרגענומען דער רעפּארט פון דעם פיונעראל דעפארטמענט און פר. בעצאָהלער, דער טשערמאַן פון ניו יאָרק סעמעטערי קאָמיטע, וועלכע פערוואלטעט די פיונעראל בענעפיטס, בעריבטעט פאָלגענדעס:

לויט דעם פערלאנג פון א סך ברענטשעס און אויך סעמעטערי קאָמיטעס אין פערשיעדענע שטעדט, האָבען זיי ארויסגעשיקט צום רעפערענדום די פראגע, דאָס די אָנדערטייקער זאָלען קריגען בעצאָהלט דירעקט פון ניו יארק אָפיס, און ניט פון די איינצעלנע ברענטשעס, ווי בעפאר. דיזער רעפערענדום איז מיט א גרויסער מאַיאריטעט דורבגעגאנגען, און פון יא־

נואר 1918, ווערען אלע געלדער אויסגעצאהלט צו אנדערטיי־קער דירעקט פון אפיס.

זיי האבען אויך איינגעפיהרט, לויט דעם רעפערענדום, די סיסטעם פון טרענספערס פאר סעמעטערי. דאס הייסט, ווען א מעמבער, וואס האט נאך ניט אויסגעצאהלט דעם סעמעטערי טעקס, פאהרט אוועק אין א צווייטער שטאדט, זאל ער ניט דארפען אנפאנגען צאהלען פאר דער סעמעטערי אויף דאס ניי, נאר ער זאל קריגען א טרענספער פון זיין ברענטש, און די געלד וואס ער האט שוין איינגעצאהלט זאל איהם קרעדיטירט ווערען.

די דיוס פאר פיונעראל עקספענסעס איז לעצטען יאהר פארקלענערט געווארען פון 12 סענט אויף 10 סענט, און דאס האט געמאכט א דעפיציט אין פיונעראל עקספענסעס פאנד אריבער 200 דאלאר. אבער עס איז געדעקט געווארען פון דעם סורפלוס וואס מיר האבען.

די ארבייט פון סעקרעטערין מיסס אש, איז זעהר צופריע־דענשטעלענד, און די קאמיטע דריקט איהר אויס א הארצלי־כען דאנק.

ער בעמערקט אויך, דאס די עקספענסעס פאר א פיו־נעראל זיינען זעהר פיעל געשטיגען און מיט די פיונעראל רייטס וואס מיר האבען יעצט קען מען עס ניט דעקען.

די קאמיטע רעקאמענדירט דארום פאלגענדעס העכערונגען אין די פיונעראל רייטס:

פאר קינדער ביז 1 יאהר — 10 דאלאר אנשטאט 9.

פון 1 יאהר ביז 10 — 20 דאלאר, אום די פאמיליע זאל קריגען א קערידזש.

פון 10 ביז 18 יאהר — 30 דאלאר.

פון 18 יאהר אן — 50 דאלאר אנשטאט 40.

און אום איינצופיהרען די העכערונג זאל די פיונעראל עקספענסעס געהעכערט ווערען אויף 12 סענט אנשטאט 10 סענט ווי יעצט.

ער בעמערקט אויך וועגען דער פראגע פון פיונעראל בענע־פיט פאר מענער, וואס זיינען אליין ניט קיין מעמבערס פון ארב. רינג, נור וועמעס פרויען זיינען מעמבערס אין ארב. רינג. עס פיהרט זיך ביי אונז, דאס די פרויען מעמבערס זיינען ענ־טייטעלט בלויז צו פיונעראל עקספענסעס פאר זיך און פאר די קינדער, אבער ניטש פאר דעם מאן. ביי די לעצטע קאנפערענ־צען פון דער סעמעטערי דעפארטמענט איז די פראגע אויפגע־הויבען געווארען, און ער פערלאנגט, דאס די פראגע זאל איין מאל פאר אלע מאל געסעטעלט ווערען ביים קאנווענשאן.

פאלגענדע אינטערפעלאציאנען ווערען געשטעלט צו דער קאמיטע:

מיס קאפלאן, ברידזשפארט, פרעגט: — מיט וואס פאר א רעכט רעכענט מען א פרוי־די זעלבע דיוס ווי דעם מאן, ווע־רענד זי איז ניט בערעכטיגט צו פיונעראל בענעפיט פאר איהר מאן?

פר. יעלין, נ. י.: — וואצו דארף מען העכערען די דיוס צום פיונעראל פאנד, אז עס איז דא א סורפלוס?

פר. לובארטאווסקי פרעגט: — ווי האנדעלט די קאמיטע אין א קייס, וואו דער מעמבער, ניט ווילענדיג, דאס דער אפיס צאהלט דעם אנדערטייקער, בעצאהלט אליין דעם אנדערטייקער, צי קריגט דער מעמבער צוריק די פיונעראל עקספענסעס?

לעוויט, דעטראיט: — ווי טוט מען מיט די שטעדט, וואס זיי צאהלען פאר סעמעטערי מעהר ווי 3 דאלאר, צי דארף דער מעמבער צאהלען מעהר ווי 3 דאלאר?

קאהען, דעטראיט, פרעגט: — אויב דעטראיט פאלגט אויס דעם בעשלוס פון רעפערענדום וועגען צאהלען דירעקט דעם אנדערטייקער?

פר. בעצאהלער ענטפערט אויף די פראגען:

ווען א מעמבער בעצאהלט אליין דעם אנדערטייקער, קריגט ער דאס געלד אויסגעצאהלט פון אפיס. וועגען שטעדט וואו דער סעמעטערי טע.ס איז מעהר ווי 3 דאלאר, האט דער ברענטש א רעכט צו רעכענען דעם מעמבער ווי פיעל עס קומט אויס מעהר ווי 3 דאלאר. מען דארף העכערען די דיוס, ווייל אפילו לויט די יעצטיגע רייטס האבען מיר לעצטען יאהר גע־האט א דעפיציט. און די קאמיטע רעקאמענדירט א העכערונג פון 2 סענט, ווייל מיר ווילען דאך העכערען דעם בענעפיט.

פריינדין אש, סעקרעטער פון סעמעטערי דעפארטמענט, גיט אפ דעם פינאנציעלען רעפארט. דעם יאהר איז דער סור־פלוס פערקלענערט געווארען און דער פאנד האט יעצט 22,721.35 דאלאר, וועלכע איז אינוועסטעט מיט די אנדערע פאנדס פון סעמעטערי דעפארטמענט אין פערשיעדענע באנדס, פון וועלכע 1,000 דאלאר באנדס איז געקויפט געווארען אויפ'ן נאמען פון פיונעראל דעפארטמענט.

וועגען דעטראיט האבען זיי זיך ניט געוואלט אונטערוואר־פען אונטער דעם בעשלוס פון רעפערענדום וועגען צאהלען די־רעקט צום אנדערטייקער, אבער מיר האבען זיי געשריבען דאס דער רעפערענדום איז א געזעץ פאר אלעמען גלייך, און מיר קענען קיין אויסנאהמע ניט מאכען.

פר. האלמסטאק בעריכטעט פאר דער פיונעראל קאנטראל קאמיטע, דאס זיי האבען אונטערזוכט אלע איינגאהמען און אויסגאבען פון דעם פיונעראל דעפארטמענט און אלעס איז אין בעסטען ארדנונג.

בעשלאסען צו באדאנקען דער עקזעקוטיוו קאמיטע, פריינ־דין אש און דער פיונעראל בענעפיט קאמיטע פאר זייער גוטע ארבייט.

## בעשליסע.

בעשלאסען, דאס מיר זאלען העכערען דעם פיונעראל בע־נעפיט, ווי רעקאמענדירט פון דער קאמיטע, און אויך דאס די דיוס זאל געהעכערט ווערען פון 10 אויף 12 סענט.

וועגען פיונעראל בענעפיט פאר פרויען און פאר מענער, וועלכע זיינען ניט קיין מעמבערס אין ארב. רינג. — פר. בע־צאהלער ערקלערט, דאס זיי האבען זיך בעראטען מיט אונזער ליגאל ארדווייזער און ער האט ערקלערט, דאס דער בענעפיט איז ניט געזעצליך, פאלגליך קען מען עס ניט פארהאנדלען.

עס ווערען ערוועהלט די פריינדע בעצאהלער, ל. דינער־שטיין און ס. נאדעלמאן אלס פיונעראל קאנטראל קאמיטע פאר דעם נעקסטען יאהר.

מיט דעם ווערט די פיונעראל סעשאן געשלאסען.

—

## 8טע זיצונג, פרייטאג, דעם 10טען מאי.

די 8טע זיצונג פון קאנווענשאן ווערט ערפענעט אונטער'ן פארזיץ פון פר. ל. דינערשטיין. אלס וויים טשערמאן, פר. רע־ניס פון פילאדעלפיא.

פראטאקאל פון דער 7טער סעשאן ווערט פארגעלעזען און גוט געהייסען. פר. פאסקעל פון דער קאנווענשאן קאמיטע, בע־ריכטעט פאלגענדעס:

1) די קאנווענשאן זאל נעקסטען יאהר זיין א קליינע. — גוט געהייסען.

2) די פערטרעטערשאפט צו דער נעקסטער קאנווענשאן זאל זיין איין דעלעגאט פון יעדע 700 מעמבערס. — ווערט צו־ריקגעוויזען, און עס זאל בלייבען ביים אלטען — איינער פון 500.

3) אויפ'ן רעפערענדום זאלען שטעהן די פאלגענדע צוויי שטעדט וואו די קאנווענשאן זאל געהאלטען ווערען: פראו־ווידענס, ר. א., און דעטראיט, מיש.

עס ווערט ערקלעהרט, אז דער דריטער פונקט איז ביי דער קאמיטע ניט אנגענומען געווארען איינשטימיג.

פר. עפשטיין, איז געגען דעטראיט, ווייל עס וואלט קאס־טען א צו גרויסע סומע געלד און דער קאנווענשאן פאנד איז אין דעפיציט.

לעוויט, דעטראיט: אויב מען וויל קלענערע עקספענסעס האט מען געדארפט פערקלענערן די פערטרעטער. אבער וואס אנבעלאנגט די שטאדט, איז דעטראיט אם פאסענדסטען צו האבען דארט א קאנווענשאן, ווייל עס איז א נייער אינדוס־טריעלער צענטער און א קאנווענשאן וועט פאר'ן ארב. רינג ברענגען גוטע רעזולטאטען.

אשינסקי אגיטירט פאר נואַרק, נ. דזש. מאנכע דעלעגא־טען פראטעסטירען, ווייל די מינאריטעט האט ביי דער קאמיטע ניט פערלאנגט קיין מינאריטעט בעריכט. דער טשערמאן רולט

דאָס אין דיעזען פאַל מיינט עס אז דער בעריכט איז אן איינשטימיגער.

מיט א מאַיאריטעט פון 35 געגען 12, ווערט דער 3טער פונקט אָנגענומען.

פר. דייווידאוו רעפּארטעט פאר דער ליגעל קאָמיטע. די קאָמיטע רעקאָמענדירט פאָלגענדעס:

1) די קאָנווענשאָן זאָל אינסטרואירען די נאציאנאלע עקזעקוטיוו קאָמיטע צו ערוועהלען פון איהר מיטע א ליגעל קאָמיטע, וועמעס אויפגאבע זאָל זיין אָנצונעהמען אלע נויטיגע מיטלען צו מאכען דעם ארב. רינג געזעצליך אין אלע סטייטס.

2) די קאָמיטע לייגט פאָר פאָלגענדע רעזאָלוציאָן:

נעהמענדיג אין אנבעטראכט, אז דער ארב. רינג האָט אָנגענומען די פראטוירנאל רייטס, וועלכעס קען איהם מאַכען מעגליך געזעצליך צו ווערען אין מאסאטשוזעטס; און

נעהמענדיג אין אנבעטראכט, אז אין מאַסאַטשוזעטס געפינען זיך אָרגאַניזאציאנען, וועלכע זיינען טיילווייז אָרגאַניזירט געווארען צוליעב די שוועריגקייט פון פראטוירנאל רייטס, און דיעזע ארגאניזאציאנען זיינען פון זעלבען כאראקטער ווי דער ארב. רינג;

זיי עס בעשלאָסען, אז די עקזעקוטיוו קאָמיטע פון ארב. רינג זאָל אָנווענדען אלע איהרע מעגליכקייטען, וואס שנעלער לעגאַליזירט צו ווערען אין מאסאטשוזעטס אום אויך מעגליך צו מאכען א געזעצליכע פארבינדונג פון ארב. רינג מיט די אויבענדערמאָנטע אָרגאַניזאציאנען.

דער רעפּאָרט פון דער ליגאל קאָמיטע ווערט אָנגענומען.

פר. יאקובי בעריכטעט פאר דער בענעפיט קאָמיטע, און לייגט פאָר פאלגענדע פּונקטען:

1) די עקזעקוטיוו קאָמיטע זאָל אינסטרואירט ווערען אויסצוגעפינען אלע איינצעלהייטען וועגען אָנשליסען זיך אלס מעמבער אין האָספּיטאלס אין אלע גרויסע שטעדט ווי זי וועט געפינען פאַר נויטיג.

אויב די עקזעקוטיווע וועט קומען צו אזא בעשלוס, זאל די סומע וואס דאָס דארף קאָסטען ניט איבערשטייגען 3000 דאָל.

פר. וויינשטיין, פון דער זעלבער קאָמיטע, ברייגנט אריין א מינאָריטעט רעפּארט.

ער דענקט, דאָס די סומע איז צו קליין אום דערמיט עטוואס צו קענען אויפטון פאר אלע שטעדט פון גאנצען לאנד.

פר. דייווידאוו אַמענדירט: מיר זאלען אנשטאט ווערען א מעמבער, זאלען מיר מאכען פריינדליכע אראנזשמענטס, וואס דאָס וועט ניט קאָסטען קיין געלר.

פאדיס, וועסטשעסטער קאונטי: — מיר מוזען ווערען מעמבערס און צאָהלען געלד, ווייל אזוי וועט דער ארב. רינג בעקומען מעהר קרעדיט. דאָס וועט אויך העלפען די קאונטרי מעמבערס, וואס דארפען זיך קורירען אין ניו יארק.

מיט 42 געגען 3 שטימען ווערט דער פּונקט גוט געהייסען, ווי רעקאָמענדירט פון דער קאָמיטע.

2) די קאָנסאָמפּשאָן בענעפיט זאָל געהעכערט ווערען און אויפ'ן רעפערענדום זאָל שטעהן די סומע פון 150 און 200 דאָלאר.

פר. שקלאווין, פון די נ. ב. אַפּעלירט אין נאָמען פון דער נ. ב. צו טון עפּעס פאר די אונגליקליכע קאָנסאָמפּטיווס, וועלכע קענען אין סאניטאריונ' ניט אריינגעהן, אז זיי זאָל געגעבען ווערען מעהר הילף ווי ביז יעצט.

פר. עפּשטיין: ער איז געריהרט פון פר. שקלאווינס רעדע, אָבער מען זאָל ניט פערגעסען די גרויסע מעמבערשיפּ. די צייטען זיינען שלעכטע, דער יקרות איז אונגעהויער, מיר מוזען העכערען 5 סענט פאר'ן סאניטאריום און די קאָנווענשאָן דארף זעהן אז די בילס זאלען ניט צופיעל געהעכערט ווערען. אויסער די קאָנסאָמפּטיווס האָבען מיר נאָך קראַנקע און אָן דיעזע פארגעסען מיר גאָר אין גאַנצען.

די רעקאָמענדיישאָן ווערט גענומען צום אָבשטימען און ווערט גוט געהייסען מיט 55 שטימען געגען 23.

דער טשערמאן ערקלעהרט דאָס עס ווערט פארשטאַנען, אז די וועלכע געהען אריין אין סאניטאריום, זאָל זייער גאנצער קאָנסאָמפּשאָן בענעפיט אוועקגעגעבען ווערען אין סאניטאריום פאָנד.

עס ווערט אויך בעשלאָסען, דאָס אויפ'ן רעפערענדום זאל שטעהן — אין אלע פּונקטען פון געלד העכערונג — בעפאר די פראגע: צי זאל מען דעם בענעפיט אָדער פאָנד רייזען אָדער ניט — און דאן די סומען וויפיעל מען רעקאָמענדירט צו רייזען.

3) די עקזעקוטיוו קאָמיטע זאָל בעטראכטען דעם פּלאַן וועגען איינפיהרען א „העלטה עקסטענשאָן ביורא” פאר די נוצען פון קראַנקע מיטגליעדער איבער 40 יאהר, וועלכע נויטיגען זיך אין פרייע מעדיצינישע אונטערזוכונגען, און אריינברענגען א רעפּאָרט צום נעקסטען קאָנווענשאָן. דיעזער פּונקט ווערט גוט געהייסען.

4) סיק סערטיפיקייטס זאלען אָנגענומען ווערען אין אָפיס ביז 8 וואָכען אנשטאט 4 וואָכען, ווי דער פּונקט (ארט. 8, פּונקט 20) לויטעט יעצט.

פר. באסקין, דזשענ. סעקרעטער, איז געגען דער רעקאָמענדיישאָן, ווייל דאָס וועט פערשאפען פיעל טראָבעל דעם אָפיס, מאכענדיג דאָס פעסען פון סערטיפיקייטס פאר'ן דזשענ. אָפיס פיעל שווערער און מעהר קאָמפּליצירט.

פר. ל. ראָטהמאַן ערקלערט, דאָס די קאָמיטע האָט גענומען אין אנבעטראכט, אז עס פאסירט אז מעמבערס קענען ניט אריינשיקען די סערטיפיקייטס אין צייט.

דער פּונקט ווערט צוריקגעוויזען מיט 37 שטימען געגען 18.

פר. באסקין גיט דאַן אָפּ דעם דזשענעראל סעקרעטער'ס בעריכט אין וועלכען ער גיט אַן איבערבליק איבער די פערשיעדענע פאָנדס און איבער די אלגעמיינע טעטיגקייט.

אונזערע ערפאָלגען — זאָגט פר. באַסקין — קענען זיין מעהר בולט ווען מען פארגלייכט עס מיט דעם צושטאַנד פון די אנדערע אידישע ארדענס. אין דער צייט וואס די אַנדערע אָרדענס האָבען היינטיגען יאהר פערלארען מעמבערס — איין אָרדען, ארום 5000 מעמבערס, א צווייטער ארום 17,000 מעמבערס — איז דער ארב. רינג געוואַסען און זיין מעמבערשיפּ פערגרעסערט.

דער צושטאַנד פון אונזער אָרדען איז זעהר א גוטער. ער האָט נאָר וואס ערהאלטען אַ טעלעגראמע פון אונזער עקטשוערי, מר. עלדרידזש, און ער לאָזט אונז וויסען, אז אונזער וואַליוּאיישאָן איז אצינד 97 פּראָצענט. עס איז זיכער, אז אין זעהר אַ קורצע צייט וועלען מיר ערדרייכען די פולע 100 פּראָצענט און דאן קענען ווערען געזעצליך אין אלע סטייטס, מאסאטשוזעטס אריינגערעכענט.

ער געהט דאן איבער צו די טעטיגקייט פון די ארג. קאָמיטען און בעשפּרעכט אויך די שטרייך־פּראגע אין אלגעמיין: ער לויבט זעהר די ארבייט פון דער ניו יארק סיטי ארג. קאָמיטע, וואו עס איז געטון געווארען גלענצענדע ארבייט. אויך איז געטון געווארען גלענצענדע ארבייט אין קליוולאַנד, נוארק, א. ז. וו. דערפאר זיינען דאָ סיטי קאָמיטעס, וועלכע האָבען צו פערצייכנען א פערלוסט פון מעמבערס. אָן דער טעטיגקייט פון די סיטי קאָמיטען ווענדעט זיך זעהר פיעל דער ערפאלג אדער דורכפאל פון די ארגאניזאציאנס ארבייט אין דער בעטרעפענדער שטאָדט. אַ טעטיגע סיטי קאָמיטע ברייגנט גוטע רעזולטאַטען.

וואָס אַנבעטרעפט די געשטראכענע מעמבערס, קען ער מעלדען אז דער פּראצענט געשטראכענע איז אין ארב. רינג דיעזען יאהר קלענער און קען ווערען נאָך קלענער, ווען די סיטי אָרג. קאָמיטען זאלען דערמיט זיך אָבגעבען. דער פאקט איז, דאָס פון די, וועלכע זיינען לענגער אין ארב. רינג שטרייכען זיך וועניג. עס שטרייכען זיך אָס מעהרסטען די, וועלכע בעלאנגען נאָר אַ קורצע צייט, און דורך אַגיטאַציאָן וואָלט מען אויך דיעזע מעמבערס געקאָנט איינהאַלטען.

ער בעריכטעט דאן וועגען דעם צושטאַנד פון די פאָנדס: דער לעצטער יאהר איז געווען זעהר א גוטער אין בעצוג קראַנקען בענעפיט. עס איז פּראָפּאָרציאנעל אויסגעצאָהלט געווארען די קלענסטע סומע פאר פיעלע יאהרען. ער גלויבט ניט דאָס — וואס מאנכע דענקען — אז דער ארב. רינג צאָהלט אויס פיעל ניט געזעצליכע בענעפיטס. עס ווערען יא אויסגעצאָהלט

א סך בענעפיטס אויף סערטיפיקייטס וועלכע זיינען אונגעזעצליך אויסגעמאכט, אבער די בעטרעפענדע זיינען ווירקליך געווען קראנק און פּאָלגליך צום בענעפיט בערעכטיגט. אום דאָס צו פערמיידען האָט מען ארויסגעגעבען א בראשורע מיט אלע רולס וועגען סיק סערטיפיקייטס. דער פאָנד זעלבסט איז אין א גלענצענדען צושטאַנד און האָט א סורפּלוס פון ארום 36,000 דאָלאר.

דער סאניטאריום אויפהאלטונגס פאָנד האָט דיעזען יאהר געהאט א דעפיציט צוליעב דעם יקרות אבער דער סורפּלוס פון פאריגען יאהר האָט עס גוט געמאכט.

אין בילדינגס פאָנד איז דאָ א סורפּלוס פון ארום 1,000 דאָלאר. אונזער רעזערוו פאָנד פערמאָגט היינט צו טאָג ארום 600,000 דאָלאר.

מיר האָבען אצינד 98 ניט אויסגעצאָהלטע קליימס. די אורזאכע איז די מלחמה, וועלכע מאכט אונמעגליך אָבצושיקען די אינשורענס צו די בענעפיציאנטען, וועלכע געפינען זיך אין די מלחמה לענדער. אייניגע בענעפיציאנטען זיינען „עליען ענעמיעס”, און דאָס געלד איז אויף דער אויפפאָדערונג פון דער רעגיערונג אָבגעגעבען געווארען צום גאָווערנמענט קאָסטאָדיען. עס זיינען אויך דאָ א צאָהל קייסעס, וואס קענען ניט אויסגעצאָהלט ווערען, ווייל אונזערע מעמבערס האָבען ניט אָנגעגעבען די ריכטיגע בענעפיציערים אדער ניט געענדערט, ווען זיי האָבען געהייראט.

דער קאָנווענשאָן־פאָנד האָט די לעצטע צוויי יאהר געהאט א דעפיציט. א ספּעציעלער אסעסמענט פון 45 סענט פער מעמבער איז לעצטען יאהר געמאכט געווארען און דער דעפיציט איז רעדוצירט געווארען צו 2,800 דאָלאר. ער אפּעלירט צו די דעלעגאטען צו מאכען די נעקסטע קאָנווענשאָן נאָהענט פון ניו יארק, אום די אויסגאבען זאלען ניט זיין צו גרויס.

דער אָפיס האָט געהאט א זעהר שווערען יאהר ארבייט דעם לעצטען יאהר, צוליעב די איינפיהרונג פון די פראטוירנאל רייטס. אָבער איהם איז אלעס געלונגען שנעל איינצוארדנען און דער אפיס איז אָפּ־טו־דייט. כאראקטעריסטיש איז אויך דער פאקט, דאָס דעם לעצטען קווארטאל האָבען זיך געשטראכען א זעהר קליינע צאָהל מעמבערס. דאָס ווייזט אז די מורא פון מאנכע אז דורך די פראטוירנאל רייטס וועלען א סך מעמבערס זיין געצוואונגען זיך צו לאָזען שטרייכען איז אן אומזיסטע. דאָס איז א זעהר פרעהליכע ערשיינונג.

דער ארב. רינג האָט עררייכט אזא גרויסען ערפאָלג א דאנק די פאלשטענדיגע הארמאָניע וואס האָט געהערשט אין דער פערוואלטונג און דאנק ענדיג פאר דער עהרע וואס איהם איז צו געטיילט געווארען, פערזיכערט ער, דאָס אלע שווערע אויפגאבען וואס די קאָנווענשאָן וועט אויפ'ן אפיס ארויפווארפען, וועט ווערען אטענדעט פינקטליך און מיט דער גרעסטער צופריעדענהייט.

פר. וואלאס, טשערמאן פון דער רעזאָלוציאנס קאָמיטע, לייגט פאָר פאָלגענדע רעזאָלוציאָן:

די עקספּענסעס פאר די דעלעגאטען זאלען זיין 7 דאָלאר א טאָג אנשטאט 5 דאָלאר. און זיי זאָלען בעקומען געצאָהלט פאר 7 טעג צייט.

די רעזאָלוציאָן ווערט אָנגענומען און עס ווערט דערביי פערשטאַנען, דאָס אויב דער רעפערענדום וועט דאָס ניט גוט הייסען, זאָל יעדער דעלעגאט פערזענליך זיין פעראנטווארטליך פאר די 14 דאָלאר.

מיט דער ערוועהלונג פון פר. וואליצקי אלס טשערמאן פאר דער נעקסטער זיצונג, ווערט די 8טע זיצונג געשלאָסען.

—

## 9טע זיצונג, פרייטאג נאָכמיטאג, מאי 10.

די 9טע זיצונג ווערט ערעפענט פון טשערמאן מ. וואליצקי, פון ניו יארק. אלס טשערמאן ווערט ערוועהלט אלעקסאנדער, פון אלבאני.

פר. דווייידאוו, פון דער ליגעל קאָמיטע, בעריכטעט אז זיי האָבען ערהאלטען פאָלגענדע רעזאלוציאָן פון די קענעדער ברענטשעס:

ביי א דזשאָינט מיטינג פון די מאָנטרעאלער ברענטשעס, איינבערופען פון אונזער סיטי דיסטריקט קאָמיטע, איז אָנגענומען געווארען פאָלגענדע רעזאלוציע, וועלכע איהר זייט געבעטען ערנסט צו באטראכטען און גוטצוהייסען און פארצובריינגען בעפאר דער קאָנווענשאָן:

נעהמענדיג אין אנבעטראַכט, דאָס די פראָטוירנאל רייטס זיינען שוין נאָך פיעל מיה, איינגעפיהרט געווארען אין אונזער באליעבטען ארדען,

און נעהמענדיג אין אנבעטראכט, דאָס די רייטס זיינען די איינציגע לייזונג צו דער פראגע פון לעגאליזירען די ארב. רינג ברענטשעס אין די סטייטס און פראָווינצען, וואו אזעלכע זיינען נאָך נישט לעגאל; און

נעהמענדיג אין אנבעטראכט, דאָס די געזעצע אין אונזער פּראָווינץ און אין קוויבעק, קענעדע, בעשרענקען זעהר פיעל די מעגליכקייטען צו אָרגאַניזירען און לעגאליזירען פראטוירנאל ארדענס, און כפּעציעל אזעלכע ווי דער ארב. רינג, און

נעהמענדיג אין אנבעטראכט, דאָס אָט דיעזע בעשרענקונגס געזעצע, וועלכע זיינען לעצטענס אָנגענומען געווארען אין אונזער פּראָווינשעל לעדזשיסלייטשור, זיינען נאָך נישט בינדענד ביז דעם 1טען יאנואר 1919,

דארום פאדערען מיר אויף די 18טע יעהרליכע קאָנווענשאָן פון אונזער ארדען, וואס ווערט אָבגעהאלטען אין פּיטסבורג, פּא., צו אינסטרואירען די נאציאנאלע עקזעקוטיווע, דאָס דיזעלבע זאָל זיך שטעלען אין פארבינדונג מיט איין אינשורענס עקספּערט פון דיעזער פּראָווינץ און זעהן מיט אלע מעגליכקייטען אויסווירקען און דורכצופיהרען, דאָס אונזערע ברענטשעס זאלען ווערען לעגאל און נייע זאָלען אויך קענען געגרינדעט ווערען, און דאָס'ביז דעם 1טען יאנואר 1919, זאלען מיר אפיציעל קענען געטשאַרטערט ווערען.

מיט ארב. רינג גרוס,

א. ר. ברענטשעס 151, 204, 445, מאָנטרעאל, קענ.

י. פריעדמאַן, רעזאָלוצ. קאָמיטע.

די ליגעל קאָמיטע רעקאָמענדירט, דאָס דיעזע רעזאלוציאָן זאָל איבערגעגעבען ווערען צו דער ליגעל קאָמיטע פון דער עקז. קאָמיטע. — ווערט גוט געהייסען.

עדיוקיישאָנאל קאָמיטע בעריכט. — ליכטמאַן, פילאדעלפיא, סעקרעטער; ס. יוראק, ניו יארק, בעריכט אָבגעבער.

1) די קאָמיטע האָט פערהאנדעלט די פראגע וועגען אידישע סאציאליסטישע שוהלען און זי רעקאָמענדירט דאָס די קאָנווענשאָן זאל בעשטימען א טעקס פאר דיעזע שולען און אויפ'ן רעפערענדום זאָל זיין 1 סענט אָדער 2 סענט א קווארטאל פער מעמבער.

2) לעקטשורס און לעקטשור טורס. — די 18טע קאָנווענשאָן פון ארב. רינג פאדערט אויף די עדיוקיישאָנאל קאָמיטע מעהר סיסטעמאטיש צו ארראנזשירען לעקטשור טורס און ספּעציעל אויפמערקזאמקייט שענקען צו די קאָנטרי שטעדט.

3) ליטערארישע דראמאטישע פעראיינען. — די 18טע קאָנווענשאָן רעקאָמענדירט דער עדיוקיישאָנאל קאָמיטע צו שטיצען די ליטערארישע דראמאטישע עקזיסטירענדע פעראיינען, אָרגאַניזירט פון ארב. רינג ברענטשעס, און אויך נעהמען א בעדייטענדען אנטייל אין דעם ווי אויך העלפען אָרגאַניזירען נייע פעראיינען אויפ'ן זעלבען געביט.

4) בודזשעט. — מיר רעקאָמענדירען דאָס דער בודזשעט פון דער עדיוקיישאָנאל קאָמיטע זאָל פערגרעסערט ווערען אויף 5 אָדער 6 טויזענד דאָלאר פאר דער עדיוקיישאָנאל ארבייט פון דעם יאהר 1918-1919.

5) ארויספאָהרונגען אין שפּאציערונגען. — מיר רעקאָמענדירען, אז די שפּאציערונגען, וועלכע זיינען פון דער עדיוקיישאָנאל קאָמיטע דורכגעפיהרט געווארען לעצטען יאהר זאָלען אויך ווייטער פארטגעזעצט ווערען.

6) נאטשוראליזיישאָן ארבייט. — די קאָנווענשאָן אנערקענט דאָס די נייטשוראליזיישאָן פון אונזערע ארב. רינג מעמבערס איז זעהר וויכטיג. מיר רעקאָמענדירען פאָרטצוזעצען ווייטער זייער ארבייט, און ספּעציעל אויפמערקזאמקייט שענקען דער נייטשוראליזירונג פון פרויען.

7) ביכער און ביכער פארלאג. — די 18־טע קאָנווענשאָן באשליסט, דאָס די עדיוקיישאָנאל קאָמיטע זאָל פאָרטזעצען

איהר ארבייט ארויסצוגעבען פאסענדע וויסענשאפטליבע און פאפולערע אויסגאבען פון ביבער.

8) מוזיקאלישע ביורא.—מיר רעקאמענדירען דאס די עד. קאמיטע זאל העלפען ארגאניזירען נייע געזאנגס־פאראיינען און ארקעסטערס אין די קאונטרי שטעדט. ווי אויך העלפען די שוין עקזיסטירענדע כאהרען און ארקעסטערס.

9) פאלקס אוניווערזיטעט. — נעהמענדיג אין אנבעטראכט דאס נאך די יעצטיגע אומשטענדען איז אונמעגליך ערפאלגרייך פארטצוזעצען די ארבייט פון פאלקס אוניווערזיטעט, רעקאמענדירען מיר דער עד. קאמ. אויפצוגעבען די ארבייט פאר׳דיזען יאהר.

10) די 18טע קאנווענשאן פון ארב. רינג רעקאמענדירט צו דער עדיוקיישאנעל קאמיטע, עס זאל אראנזשירט ווערען סאב. עדיוקיישאנאל קאמיטעס איבערן גאנצען לאנד אויב מעגליך, און אויך ארבייטען געמיינשאפטליך מיט די עקזיסטירענדע קאמיטעס אום די ארבייט זאל געטון ווערען מעהר סיסטעמאטיש.

11) דער סורפלוס פון „פריינד” זאל בענוצט ווערען פאר עדיוקיישאנאל ארבייט.

דער טשערמאן ערקלעהרט, אז דיעזער פונקט איז געגען דער קאנסטיטושאן, וועלכע פארוועהרט צו בענוצען דעם סורפלוס פון איין פאנד פאר א צווייטען פאנד און איידער די קאנווענשאן בעשליסט אזא אמענדמענט צו דער קאנסטיטושאן צו מאכען, קען אזא בעשלוס ניט אנגענומען ווערען.

פר. זאלצמאן אפעלירט געגען די האנדלונג פון טשערמאן. די ענטשיידונג פון טשערמאן ווערט גוט געהייסען און דער פונקט ווערט צוריקגעוויזען. אלע אנדערע רעקאמענדיישאנס ווערען אנגענומען.

## רעפארט פון דער ארגאניזאציאנס קאמיטע.

ל. דינערשטיין, טשערמאן. א. לאנגער, סעקרעטער זון רעפארט אבגעבער.

1) די סיטי און דיסטריקט קאמיטעען זאלען שטעהן אונטער דער אויפזיכט פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו קאמיטע. די נאציאנאלע עקזעקוטיוו קאמיטע זאל האבען דאס רעכט צו שאפען אזעלכע קאמיטעען וואו און ווען זי געפינט פאר נויטיג.

2) די סיטי און דיסטריקט קאמיטעען זאלען רופען האלב יעהרליכע קאנפערענצען צו רעפארטען פון זייער טעטיגקייט.

3) די נאציאנאלע עקזעקוטיוו קאמיטע זאל האבען דאס רעכט אנצושטעלען בעצאהלטע ארגאנייזערס פון צייט צו צייט, ווען זיי וועלען עס געפינען פאר נויטיג.

4) דער ארגאניזאציאנס פאנד זאל פארבלייבען ווי בעפאר, ד. ה., 3 סענט א קווארטאל פער מעמבער, און די נאצ. עקז. קאמיטע זאל האבען דאס רעכט צו פערברויבען דעם גאנצען פאנד.

5) מעמבערס, וועלכע זיינען געשטראכען געווארען און זיינען געוועזען אויסער דעם ארב. רינג מעהר ווי 2 יאהר צייט קאנען אריינגענומען ווערען אלס נייע מעמבערס און דארפען ניט איינצאהלען זייערע שולדען צום ברענטש, סיידען לאאנס אדער שולדען פאר טיקעטס. זיי דארפען אבער צאהלען די „רייטס” לויט די יאהרען ווען זיי קומען דעם צווייטען מאל אריין.

6) מעמבערס וועלבע זיינען געשטראכען געווארען אין ארב. רינג ביז דעם 1טען יאנואר 1918, זאלען קענען דעאינסטייטעט ווערען אין די מאנאטען אקטאבער, נאוועמבער, דעצעמבער, 1918 און יאנואר 1919, און זאלען נישט בעדארפען בעצאהלען צו זייער ברענטש די שולדען וואס זיי זיינען שולדיג געבליבען, אויסער פערנומענע געלדער אדער פיר טיקעטס און לאאן פאנד. מוזען אבער צאהלען די „רייטס” לויט די יאהרען ווען זיי קומען דעם צווייטען מאל אריין.

אלע רעקאמענדיישאנס ווערען גוט געהייסען.

## רעפארט פון דער סאניטאריום קאמיטע.

פר. ד. קאהען, ניו יארק, טשערמאן און בעריכט אבגעבער. ד. אלעקסאנדער, אלבאני, סעקרעטער,

רעקאמענדירט פאלגענדע פונקטען:

1) די סאניטאריום קאמיטע זאל זיין פערפליכטעט צו לאזען וויסען דעם ברענטש 10 טעג איידער דער פאציענט פערלאזט דעם סאניטאריום, וועגען דעם צושטאנד פון פאציענט, אויב ער האט ניט דאגעגען.

2) ווען א פאציענט פערלאזט דעם סאניטאריום אהן דער צושטימונג פון דאקטאר, ווערט ער אוטאמאטיש אויסגעשלאסען פון סאניטאריום. ער האט אבער א רעכט צו אפעלירען צו דער סאניטאריום קאמיטע פאר „ריאדמישאן”.

3) ווען א פאציענט ווערט ערלויבט צו פערלאזען דעם סאניטאריום פאר א געוויסער צייט צו וויזיטען זיין פאמיליע און ער פערזאמט זיך מעהר ווי די ערלויבטע צייט, מוז ער דורכגעהן א נייע מעדיקאל עקזאמינײשאן פון דעם אדמיטינג דאקטאר אויף זיינע אייגענע קאסטען.

4) דער סאניטאריום אויפהאלטונגס פאנד זאל געהעכערט ווערען מיט 5 סענט א קווארטאל און די צאהלונגען צו דיעזען פאנד זאלען זיין 30 סענט א קווארטאל אנשטאט 25 סענט.

דער קאנסאמפשאן פאנד זאל פאר׳לענערט ווערען מיט 5 סענט א קווארטאל און זאל זיין 5 סענט אנשטאט 10 סענט א קווארטאל.

פר. פיינערמאן פרעגט: ווי וועט זיין אז דער רעפערענדום וועט בעשטימען, אז קאנסאמפשאן בענעפיט זאל זיין 150 דאלאר אדער 200 דאלאר? דער קאנסאמפשאן בענעפיט פאנד וועט דאך דאן האבען א דעפיציט, ווערהענד דער סאניטאריום אויפהאלטונגס פאנד וועט קיין דעפיציט ניט האבען, א דאנק דעם פערגרעסערטען קאנסאמפשאן בענעפיט.

פר. אשפיז אמענדירט דיעזען פונקט ווי פאלגט:

אויב דער רעפערענדום וועט בעשטימען צו העכערען דעם קאנסאמפשאן בענעפיט צו 150 אדער 200 דאלאר, זאלען די צאהלונגען צו ביידע פאנדס ניט געענדערט ווערען.

5) ווען א מעמבער בעקומט קאנסאמפשאן נאכדעם ווי ער איז געוועזען 6 מאנאטען צייט און איידער ער איז נאך געוועזען א יאהר צייט א מעמבער אין ארב. רינג, זאל ער האבען דאס רעכט אריינגענומען צו ווערען אלס פאציענט אין סאניטאריום נאכ׳ן יאהר.

די פונקטען 1, 2 און 3 ווערען איינשטימיג אנגענומען. פונקט 4 ווערט אנגענומען ווי אמענדירט ביי פר. אשפיז. פונקט 5 רופט ארויס א לעבהאפטע דעבאטע.

פר. דרייפוס פרעגט: ווייסט די קאמיטע וויפיעל מעמבערס מעלדען זיך קאנסאמפטיוו צווישען 6 מאנאטען און א יאהר? און האט די קאמיטע א בעגריף וויפיעל אזא בעשלוס וועט קאסטען דעם ארב. רינג?

געגען דיעזער רעקאמענדיישאן ריידען אויך די פריינדע פערלאוויטש, שאשינסקי און נ. פיינערמאן. זיי בעווייזען, אז אזא בעשלוס שטעלט אין געפאהר דעם סאניטאריום. עס קאנען זיך צוזאמענקלייבען א צו גרויסע צאהל פאציענטען אויף איין מאל אזוי, אז דער סאניטאריום זאל ניט האבען קיין פלאץ פאר זיי.

עס ווערט געפאדערט ראל קאל ביי דיעזער אבשטימונג. דער רעזולטאט איז ווי פאלגט: 54 שטימען פאר דער רעקאמענדיישאן און 52 געגען.

פריינד ר. גינצבורג, סעקרעטער פון דער רעזאלוציאנס קאמיטע, לייגט פאר פאלגענדע רעזאלוציאנען:

## וועגען פרויען רעכטע.

אין אנבעטראכט, דאס דער ארב. רינג אנערקענט די גלייכבערעכטיגונג פון דער פרוי אין דער געזעלשאפט; און

אין אנבעטראכט, אז עס געהט אן א קאמפף פאר אן אמענדמענט צו דער נאציאנאלער קאנסטיטושאן פון די פעראייניגטע שטאטען צו מאכען די פרוי גלייכבערעכטיגט,

שפרעכט אויס די 18טע יעהרליכע קאנווענשאן פון ארב. רינג די פולסטע סימפאטי צו דיעזען קאמפף און פאדערט אויף די מיטגליעדער צו שטימען דאפיר, און אויך די ברענטשעס זאלען שטיצען דיעזע בעוועגונג און העלפען ערר[e]יכען גלייכע פאליטישע רעכטע פאר דער פרוי פון די פעראייניגטע שטאאטען פון אמעריקא. און אויך אין די סטייטס וואו די פרויען האבען שוין גלייכע רעכטע

זאָלען זיי העלפען אָרגאַניזירען די פרויען אויף'ן פּאָליטישען פעלד, זיך צו שטעלען אויף דער זייט וואָס זוכט דורך פּאָליטישע מיטלען מיטצוהעלפען די ליידענדע און אונטערדריקטע.

## „ניו יאָרק קאָלל" רעזאָלוציאָן.

נעהמענדיג אין אנבעטראכט אז די ארבייטער מאַסען, אין דיעזען מאָמענט מעהר ווי אין פריהערדיגע צייטען, נויטיגען זיך אין אן ענגלישע פרעסע, וועלכע זאל פערטרעטען די ארבייטער מאסען אין יעצטיגער אויסערגעוועהנליכער צייט, און

אין אנבעטראכט, אז די ניו יארק „קאָלל" האָט עהרענהאַפט פערטיידיגט די ארבייטער בעוועגונג אין אלגעמיין און דעם ארבייטער רינג בפרט,

בעשליסט די 18טע יעהרליכע קאָנווענשאָן פון ארב. רינג אויפצופאדערען אונזערע ברענטשעס און מעמבערס זיי זאלען פערשפרייטען די אויסגאבען פון דעם „קאָלל" און אויך צו העלפען פינאַנציעל.

## וועגען דער „וועלט", שיקאַגאָ.

נעהמענדיג אין אנבעטראכט, דאָס די שיקאגאָ'ער אַרבייטערשאַפט גיט ארויס א טעגליכע סאָציאליסטישע צייטונג, „די וועלט". אין

נעהמענדיג אין אנבעטראכט, דאָס „די וועלט" האָט פאר די לעצטע 9 מאָנאַטען אויפריכטיג געדיענט דער ארבייטער בעוועגונג, און

נעהמענדיג אין אנבעטראכט, דאָס „די וועלט איז די איינציגע טעגליכע סאציאליסטישע צייטונג ארויסגעגעבען אין דער וועסט, וועלכע פערשפרייט די אידעען פון סאציאליזם, און פערשטארקט די ארבייטער בעוועגונג,

בעשליסט דארום די 18טע יעהרליכע קאָנווענשאָן צו אפּעלירען צו אלע ברענטשעס צו העלפען „די וועלט" פינאנציעל און מאָראליש.

## וועגען דער פרעסע.

אין אנבעטראכט, דאָס דער „פארווערטס", „די וועלט", „צוקונפט", „נייע וועלט", „פרייע ארבייטער שטימע", ווי אויך די „נייע פּאָסט" און „די גלייכהייט" האָבען טריי פערטיידיגט די פּרינציפּען פון אינטערנאַציאנאלער ארבייטער סאָלידאריטעט, ווי אויך די געדאנקען און פּרינציפּען פון ארב. רינג,

דארום בעשליסען מיר, דאָס די 18טע יעהרליכע קאָנווענשאָן פון ארב. רינג דריקט אוים איהר טיעפסטען דאנק און צוטרויען צו דיעזע שריפטען, און מיר אנערקענען זיי אלס צייטונגען פון ארב. רינג.

## וועגען קאָאָפּעראטיווע בעוועגונג.

אין אנבעטראכט, אז די קאָאָפּעראטיווע בעוועגונג איז א שטאַרקע שטיצע פאר די ארבייטער אין זייער קאמפף פאר א בעסערען לעבען מיט דעם קאפּיטאליזם, ווי אויך איז עס דער בעסטער קאמפּפס מיטעל פאר דער רעגולירונג פון די פּראדוקטען,

אַנערקענענדיג אויך, אז די קאָאָפּעראטיווען ערציהען אין די אַרבייטער מאסען דעם גייסט פון זעלבסט פערוואלטונג און העלפען ענטוויקלען אין איהם דעם קולטורעלען צושטאַנד,

זיי עס בעשלאָסען, אז די 18טע יעהרליכע קאָנווענשאָן פון ארב. רינג אינדאָסירט די אינטערנאציאנאלע קאָאָפּעראטיווע בעוועגונג אלס א מעכטיגע וואפע פאר'ן ארבייטער קלאס און פאָדערט אויף אלע איהרע מעמבערס די זעלבע אונטערצושטיצען און אויך העלפען ענטוויקלען.

## וועגען לייבאָר לייסעאום.

מיר בעגריסען די בעוועגונג צו שאפען און בויען לייבאָר לייסעאומס" אין די פערשיעדענע שטעדט פון אמעריקא. מיר פאָדערען אויף די ברענטשעס, דאָס אין יעדער שטאָדט, וואו אזא בעוועגונג וועט זיך אָנפאנגען, זאלען זיי אקטיוו מיטהעלפען דערצו, אז די אידעע פון „לייבאָר לייסעאום" זאָל פערווירקליכט ווערען אין לעבען.

## וועגען יוניאָן לייבעל.

אָנערקענענדיג די וויכטיגקייט פון דעם יוניאן לייבעל אלס איינעס פון דעם ארבייטער'ס קאמפּפס מיטעל פאר בעסערע קאָנדישאָנס, גרעסערע וויידזשעס, קורצערע שטונדען און דאָס רעכט צו זיין אָרגאניזירט, און וויסענדיג, אז ווען די נאָכפראגע אויף פּראדוקטען מיט'ן יוניאן לייבעל איז א גרויסע, איז פאר'ן ארבייטער א כך לייכטער זיך צו דערשלאָגען צו בעסערע קאָנדישאָנס און פיעל שווערער איז ביי די טרייד, וואו קיין יוניאן לייבעל איז נישט דאָ;

זיי עס דארום בעשלאָסען, אז די 18טע יעהרליכע קאָנווענשאָן פון ארב. רינג פאָדערט אויף אלע מעמבערס צו פערלאנגען דעם יוניאן לייבעל אויף אלע פּראָדוקטען און אַרטיקלען, וואס זיי קויפען, אויב אזעלכע זיינען נאָר פאַראַן.

## וועגען די היברו אימיגראַנט אייד סאסייטי.

אין אנבעטראכט, אז עס איז זעהר וויכטיג צו האָבען א שטאַרקע קערפערשאפט ביי די אימיגראציאנס טויערען פון אמעריקא, אום צו בעשיצען די אינטערעסען פון די איינגעוואנדערטע אידען, וועלכע קומען זוכען א נייע היים אין דיזען לאנד;

אין אנבעטראַכט, אז גלייך נאָך דער מלחמה, ווען די פעראונגליקטע פון די קריעגס פיהרענדע לענדער וועלען אָנפאַנגען קומען אהער אין גרויסע מאסען, וועט די נויטווענדיגקייט פאר אַזאַ קערפערשאפט זיין פיעל שטאַרקער, אום די וואס קומען אהער צו בויען א נייע היים, זאָלען ניט צוריקגעשיקט ווערען אין די שטעדט, וועלכע זיינען פערוויסט פון דער שוידערליכער מלחמה;

און אזוי ווי די „היברו שעלטערינג און אימיגראנט אייד סאסייטי" ערפילט אין א גרויסער מאָס דיעזע אויפגאבען און שטעהט אימער אויף דער וואך, ווען עס האנדעלט זיך וועגען אימיגראציאָנס פראַגען בכלל און וועגען דער אידישער אימיגראַציאָן בפרט;

זיי עס דארום בעשלאָסען צו רעקאָמענדירען צו אלע ברענטשעס פון ארבייטער רינג צו העלפען און אונטערשטיצען דיעזע אינסטיטוציאן.

## וועגען בר. 74.

אין אַנבעטראַכט דאָס בר. 74 איז ביי דער לעצטער קאָנוואָנשאָן געטאַדעלט געווארען פאַר אונפאָרזיכטיגקייט אין שיקען אַ דעלעגאט צו דער 17טער קאָנווענשאָן וועלכער איז ליידער אין אַ געוויסען פאַל ניט נאָכגעקומען די סאָציאָליסטישע פּרינציפּען, וואָס זיינען פון אר. רינג אָנגענומען און אָנערקענט;

אין אַנבעטראַכט דאָס דער בעטרעפענדער בר. האָט גאָר קיין אתנונג געהאַט וועגען דעם דערמאָנטען פערדריסליכען פאַל און בײַדויערט זעהר וואָס די רעפּוטאַציע פון דעם ברענטש אַלס אַן עכט סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציאָן איז דורך דעם געשעדיגט געוואָרען:

זיי עס בעשלאָסען דאָס די 18טע קאָנווענשאָן נעהמט אָן די ענטשולדיגונג פון בר. 74 מיט דער האָפנונג דאָס אַלע ברענטשעס און מעמבערס פון א. ר. וועלען שטרענג אָבהיטען אונזער קאָנסטיטושאָן און פּרינציפּען.

## וועגען דער מוני קיים.

אין אַנבעטראַכט, אַז פּרעזידענט ווילכאָן האָט אַפּאָינטעט אַ קאָמיסיע וואָס האָט אונטערזוכט די מוני קיים:

אין אַנבעטראַכט, דאָס באַזירט אויף דעם בעריכט פון דיזער קאָמיסיע האָט דער פּרעזידענט גענומען אַ שטעלונג וואָס הערט פּאַרשטאנען צו זיין צו גונסטען אַ נייעס און מעהר גערעכטען טרייעל פאַר טאָמאַס מוני: דאַרום,

זיי עס בעשלאָסען, אַז די 18טע יעהרליכע קאָנווענשאָן שליסט זיך אָן אין דער פאָדערונג פאַר אַ נייעס טרייעל פאַר טאָמאַס מוני אין דער האַפנונג אַז ער וועט קריגען געזעצליכע גערעכטיגקייט.

## וועגען שטאַאטס קאָנטראָל אין אינדוסטרי.

די 18טע קאָנוועגשאָן פון אַרבייטער רינג אינדאָרסירט די נייע טענדענצען וואָס די רעגיערונג פון די פאַראייניגטע שטאַאטען, צייגט די לעצטע צייט אַרוים צו קאָנטראָלירען פּרייזען פון לעבענס-מיטלען און איבערצונעהמען די פאַרוואַלטונג פון נויטיגע אינדוסטריען און דריקט אוים די האָפנונג, אַז דיזע טענדענץ וועט אָנהאַלטען ניט נור אין מלחמה צייטען נאָר אויך אויף ווייטער ביז אַלע אינדוסטריען וועלען ווערען דאָס אייגענטום פון גאַנצען פאָלק.

## וועגען די ארב. רינג דאָניישאָנס.

אין אַנבעטראַכט אַז די נאַצ. עקז. קאָמ. האָט פאַר די לעצטע צוויי יאָהר אָנגעפיהרט אַ טהעטיגע אַגיטאַציאָן דאָס אַלע געלדער וואָס ווערען באַוויליגט פון די פאַרשיעדענע אָר. ר. בר. זאָל דורכגעהן דורך דעם הויפּט אָפּיס פון אַרבייטער רינג:

אין אַנבעטראַכט, אַז דאָס שיקען דורך דעם הויפּט אָפּיס וואָלט אויפגעטון צוויי גוטע זאַכען: ערשטענס, וואָלט דאָס שטאַרק צו־

גוץ געקומען פאַר סטאַטיסטישע צוועקען, און, צווייטענס, וואָלט די שטיצע וואָס דער א. ר. שטייערט ביי צו אַלע וויכטיגע געזעלשאַפטליכע אונטערנעהמונגען ניט געוואָרען צוברעקעלט און צופיצעלט און וואָלט בעסער מיט זיך אָפּגעשפּיגעלט די גרויסקייט פון אונזער אָרדען , דאַרום,

זיי עס בעשלאָסעו, אַז די 18טע יעהרליכע קאָנוועגשאָן פון אַ. ר. ערזוכט אַלע ברענטשעס אַז אַלע שטיצעס וואָס טראָגען ניט קיין לאָקאַלען כאַראַקטער זאָלען דורכגעהן דורך דעם דזשענעראַל אָפּיס.

## דאַנק רעזאָלוציאן צו דער אראנזשמענטס קאָמיטע.

מיר, די 18טע יעהרליכע קאָנוועגשאָן, דריקען אויס אונזער דאַנק דער אַראַנזשמענטס קאָמיטע פון די פּיטסבורגער ברענטשעס פון אַ. ר. וועלכע האָבען מיט שווערע אַרבייט געמאַכט אַז די קאָנוועגשאָן זאָל דורכגעפיהרט ווערען ערפאָלגרייך און גוט.

צו שיקען דעלעגאַטען צום קאָנוועגשאָן פון לייבאָר ליעג אין באָסטאָן.

די קאָנוועגשאָן רעקאָמענדירט צו אַלע און מעמבערס איבער'ן לאַנד זיך צו בענוצען מיט די נאַטוראַליזיישאָן אייד ליעגס וואו אַזעלכע געפינען זיך און העלפען שאַפען אַזעלכע ליעגס דאָרט, וואו אַזעלכע ייינען נאָך ניט פאַראַן.

די רעזאָלוציאָנס קאָמיטע רעקאָמענדירט אויך פאָלגענדע שטיצעס צו בעוויליגען:

| | |
|---|---|
| ניו יאָרק קאָלל — — — — — — — — — — — — — — | $750 |
| די וועלט (שיקאַגאָ) — — — — — — — — — — | 400 |
| די נייע וועלט — — — — — — — — — — — — | 250 |
| די אידישע סאָציאַליסטישע פעדעראַציע — — — — — | 250 |
| היברו אימיגראַנט אייד כאָסייעטי — — — — — — — | 250 |
| כאָציאַליסטישע פּאַרטיי מיליאָן דאָלאר פאָנד — — — | 500 |
| לאָס אַנדזשעלעס אר. רינג רעליעף קאָמיטע — — — | 400 |
| דענווער אַרבייטער רינג רעליעף — — — — — — — | 500 |
| דענווער סאַניטאריום — — — — — — — — — — — | 500 |
| קראַפּאָטקין ליטעראַטור געזעלשאַפט — — — — — — | 25 |
| פּיטסבורג לייבאָר ליסעאום — — — — — — — — | 500 |
| פּיטסבורגער אידישער האָכפּיטאַל — — — — — — | 150 |
| מושב זקנים — — — — — — — — — — — — — | 50 |
| הכנסת אורחים — — — — — — — — — — — — — | 25 |
| בייבי האָם — — — — — — — — — — — — — | 25 |
| יאָנג פּיפּעלס כאָשעליסט ליעג לייברי — — — — — | 25 |
| כאָציאַליסטישע סאַנדעי סקול — — — — — — — — | 25 |
| אַלאַגייני קאונטי לאָקאַל ס. פּ. — — — — — — — | 25 |
| 31טער דיסטריקט ס. פּ. — — — — — — — — — | 25 |
| יאַזלין מושב זקנים — — — — — — — — — — | 25 |
| קאָנוועגשאָן אַראַנדזשמענט קאָמיטע — — — — — | 50 |

אַלע רעזאָלוציאָנען איינשליסענדיג די געלד שטיצע ווערען גוט געהייסען.

דער טשערמאַן נעהמט כאָר נאָמינייש'אָנס פּאָר דעלעגאַטען צום לייבאָר ליעג קאָנוועגשאָן און פאָלגענדע ווערען נאָמינירט אַרקין פון פּיטסבורג, פיינערמאַן און דריישפּיעל פון ניו יאָרק. ביי דער אַבשטימונג איז דער וואָוט צווישען די פריינדע דריישפּיעל און פיינערמאַן אַ גלייכער און עס ווערט געפאָדערט נאָך אַמאָל צו צעהלען די וואָוטס. דער טשערמאַן ערקלערט דאָס ביי דער קומענדער זיצונג וועט נאָך אַמאָל פאָרגענומען ווערען אַ וואָוט, נאָכדעם ווי פר. מיימאַן פון וואַשינגטאָן ווערט ערוועהלט אַלס טשערמאַן און פריינד צוקער פון ניו יאָרק אַלס וויים טשערמאַן ווערט די 9טע זיצונג געשלאָסען.

## 10טע זיצונג, פרייטאַג אבענד מאַי דעם 10טען.

די 10טע זיצונג ווערט ערעפענט מיט פריינד ב. מיימאַן אַלס טשערמאַן און פר. א. צוקער פון ניו יאָרק, אַלס וויים טשערמאַן.

רעזאָלוציאָנס קאָמיטע רעקאָמענדירט צו שטיצען די מוני קיים מיט הונדערט דאָלאר ווערט איינשטימיג גוט געהייסען.

פר. דעניס סעק. פון דער קאָמ. אָוו אַפּיסערס רעפּאָרט גיט אָב דעם רעפּאָרט פאַר דער קאָמיטע.

1) זיי האָבען זיך אָבגעשטעלט אויף דעם בעריכט פון דער נאַציאָנאַלער באָארד אָוו דירעקטאָרס אין בעצוג צו בר. 600 קיים און רעקאָמענדירען דאָס די נ. ב. זאָל נאָך אַמאָל אויפנעהמען די קייס און האַנדלען לויט די אומשטענדען.

2) אויסצושטרייכען פון עקז. בעריכט דעם סטייטמענט וואָס לויטעט: דאָס פיעלע מעמבערס העאינסטייטען זיך נור כדי צו קריגען בענעפיט. זיי גלויבען דאָס דיזער אויסדריק איז ניט עטיש גענוג און זאָל אויסגעשטראָכען ווערען.

אויסער די צוויי קאָרעקשאָנס רעקאָמענדירט די קאָמ. דאָס די רעפּאָרטס פון דער נאַצ. עקז. און פון די נ. ב. א. ד. זאָלען אָנגענומען ווערען און זאָלען בעדאַנקט ווערען פאַר זייער אַרבייט. דער רעפּאָרט ווערט גוט געהייסען.

און דער טשערמאַן דריקט אויס אַ דאַנק צו דער נאצ. עקז. קאָמ., נ. ב. א. ד., דזשענעראַל סעק. און צו אַלע אָנגעשטעלטע פון אָפּיס אין נאָמען פון קאָנוועגשאָן.

רעפּאָרט פון דער פערוואַלטונגס קאָמיטע. ס. נודעלמאַן טשערמאַן און אין רעפּאָרט אָפּגעבער, ב. לעוויטאַן, סעקרעטער. רעקאָמענדירען פאָלגענדעס:

1) דער אוידיטינג דעפּ זאָל בלייבען אונטער די אויפזיכט פון דער אָפּיס קאָמיטע.

די ברענטשעס זאָלען אונטערזוכען דורך לאָקאַלע אוידיטינג קאָמיטעס זייערע ברענטש ביכער יעדען קוואַרטאַל און אויספילען די פערטעל יעהרליכע אוידיטינג סטייטמענטס פון אוידיטינג דעפּ. די אָפּיס קאָמיטע זאָל האָבען אַ רעכט צו פאַרלאַנגען די ברענטש ביכער צו אונטערזוכען, אין פאַל זיי געפינען די אוידיטינג רעפּאָרט ניט קלאָר, אָדער ניט צופריעדענשטעלענד, זאָל די עקז. קאָמ. נעהמען שריטע געגען די ברענטשעס, וועלכע ווילען זיך ענטזאַגען צו שיקען זייערע ביכער צו אונטערזוכען.

2) פון יאַנואַר 1919 זאָלען די ברענטשעס קריגען אויך קרעדיט פאַר'ן מאָרטשורי פאָנד.

3) די קאָנוועגשאָן דריקט זיך אויס אין פּרינציפּ פאַר העכערען אינשורענס ביז טויזענד דאָלאַר. גיט דאָס איבער צו דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע אויסצואַרבייטען מעהר דיטיילס און דאָס פאָרברענגען צו דער נעקסטער קאָנוועגשאָן.

4) וועגען דער פראַגע פון אַריינגעהמען מעמבערס פון 40 יאָהר ביז 45 מיט אַ ספּעציעלע מעדיצינישע אונטערזוכונג און זאָלען צאָהלען לויט די פולע רייטס, האָבען זיי אַ מאַיאָריטעט רעפּאָרט דאַפיר און אַ מינאָריטעט וועלכע איז געגען. פר. וויינבערג שלאָגט פאָר גוטצוהייסען דעם מאַיאָריטעט בעריכט און די קאָנוועגשאָן הייסט עס גוט איינשטימיג.

5) זיי רעקאָמענדירען פאָלגענדע אמענדמענטס צו דער קאָנסטיטושאָן:

א) אַרטיקעל 11 פונקט 11 זאָל זיך לעזען ווי פאָלגט:

„ווען די קאָמיטע וועלכע איז באַשטימט די קלאַגע אונטערזוכען געפינט דאָס ניט בעגרינדעט, טאָר זי ניט איבערגעבען דע סאינהאַלט פון דער קלאַגע, ניט ביי אַ מיטינג און ניט פּריוואַט, זייער רעפּאָרט דאַרף זיין: „קלאַגע ניט בעגרינדעט". דער ברענטש קען וועגען דעם מעהר ניט האַנדלען. אויב דער קלעגער אָדער אַפּעללאַנט איז אונצופריעדען מיט דער ענטשיידונג, קען ער אַפּעלירען צו דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע אין צייט פון 30 טעג נאָכ'ן רעפּאָרט פון דער אונטערזוכונגס קאָמיטע פון ברענטש".

ב) אַרטיקעל 20 פּאַראַגראַף 5 זאָל זיך לעזען ווי פאָלגט:

יעדען יאָהר אין מאָנאַט יאַנואַר זאָל די עקזעקוטיוו אויפפאָדערען די ברענטשעס זיי זאָלען מאַכען נאָמינייש'אָנס פאַר דעלעגאַטען צום קאָנוועגשאָן דורך ספּעשעל מיטינגען.

ג) אַרטיקעל 20 פּאַראַגראַף 6 זאָל זיך לעזען ווי פאָלגט:

„יעדען יאָהר אין מאָנאַט יאַנואַר זאָל די עקזעקוטיוו קאָמיטע דירעקט אָדער דורך סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס פאַרופען טעריטאָריעלע קאָנפערענצען. צו דיזען קאָנפערענץ איז יעדער ברענטש בארעכטיגט צו שיקען ווי צו אַן עקסטרא קאָנוועגשאָן, נעמליך: איינעם פון 100 אָדער אַ מעהר־טייל דערפון. דער ברענטש האָט אַ רעכט צו זיין פאַרטראָטען ביי די טעריטאָריאַל קאָנפערענץ אויך דורך פּראָקס'ס. די עקספּענסעס פון די דעלעגאַטען זאָלען די ברענטשעס זעלבסט צאָהלען".

ד) מעמבערס וועלכע ווערען קראַנק אויף קאַנסאַמפּ־

שאָן בעפאָר זיי זיינען 6 מאָנאט צייט אין אר. רינג זאָלען קיין מאָל ניט זיין בערעכטיגט צו קאָנסאמפשאָן בענעפיט.

ה) אין ארטיקעל 11 ביי יעדען פונקט וואו עס שטעהט: „קאָן אפעלירען צו דער דזשענעראל עקזעקוטיוו קאָמיטע וועמענס ענטשיידונג איז בינדענד", זאָל זיך לעזען: „געגען דער ענטשיידונג פון דער דזשענעראל עקזעקוטיוו קאָמיטע קאָן אפעלירט ווערען צו דער נײשאָנאל באָארד אָוו דירעקטאָרס וועמענס ענטשיידונג איז בינדענד".

ו) ארטיקעל 17 פאראגראף 10 זאָל זיך לעזען ווי פאָלגט: „דער ארבייטער רינג צאָהלט רייזע קאָסטען פאר יעדען דעלעגאט פון דער נ. ב. אָ. ד. ביז 40 אָדער 50 דאָלאר פאר הין און צוריק צום מיטינג־פלאַץ".

ביידע סומען 40 און 50 דאָלאר זאָלען געהן צום רעפערענדום.

6) די קאָמ. רעקאָמענדירט פאָלגענדע רעזאָלוציאָן וועלכע איז אויסגעארבייט געוואָרען פון אונזער ליגעל אדווייזער:

Resolved, that the Executive Committee be authorized, whenever any provision of the by-laws and the Constitution of the W. C. is found to be in conflict with the fraternal insurance laws of any state in which it is now authorized to do business, or in which the W. C. shall seek admission, to so modify the by-laws that they may conform with the particular law or laws.

The Executive Committee, if it finds it necessary, may for the purpose of so modifying and amending the by-laws, call a special convention, the delegates to which shall be elected on such a basis of representation, and under such regulations as the Executive Committee may determine, anything to the contrary in the constitution not withstanding.

עס ווערט דערביי פארשטאנען אז אזעלכע ספעשעל קאָנווענשאָנס קענען זיך בלויז באשעפטיגען מיט אזעלכע אמענדמענטס צו דער קאָנסטיטושאָן וועלכע זיינען נויטיג פאר דער לעגאליזירונג פון ארבייטער רינג אין די פארשיעדענע סטייטס.

7) איבער דער פאָרם פון פארוואלטונג איז דאָ א מאַיאָריטעט און מינאָריטעט רעפּאָרט. די מאַיאָריטעט איז דאַפיר אז די עקז. קאָמ. זאָל בעשטעהן פון 25 מיטגליעדער וועלבע טיילען זיך איין אין אזוי פיעל קאָמיטעס וויפיעל די עקזעקוטיוו געפינט פאר נויטיג. די רעבטע און פליבטע פון די קאָמיטעס זאָל בלייבען ווי עס איז אָנגענומען געוואָרען ביים לעצטען קאָנווענשאָן. די מינאָריטעט איז דאפיר אז די עקזעקוטיוו זאָל בעשטעהן פון 5 ספּעציעלע קאָמיטעס צו 5 אין יעדער קאָמ. די בענעפיט קאָמיטע זאָל אָבגעשאפט ווערען און איהרע פונקציאָנען זאָלען איבערגעגעבען ווערען צו דער אָפיס קאָמיטע. די מאַיאָריטעט וועט פארטיידיגט ווערען פון פר. דריישפיעל און די מינאָריטעט — פון פר. ב. לעוויטאַן.

פר. לעוויטאַן פארטיידיגט זיין שטאנדפונקט ווארום ער איז דאפיר, מיר זאָלען זיך צוריק אומקעהרען צו ערוועהלען בעזונדערע פארוואלטונגס קאָמיטעען. ער דענקט, אז ניט די עקזעקוטיוו, נאָר די מעמבערס דארפען בעשטימען אין וועלכע קאָמיטע דער אָדער יענער עקזעקוטיוו מעמבער זאָל בעלאנגען.

פר. דריישפיעל: — גלויבט דאָס דער זאָגנאנטער ניו דזשורסי פלאַן איז געוועזען א דורכפאל פון אָנפאנג, מען האָט אָבער ניט געוואָלט ענטשיידען די פאָרם בעפאָר מען האָט איהר געגעבען א טשענס. לעצטען יאָהר איז דאָס געענדערט געוואָרען און די פונקציאָנען פון דער עקז. אין די בעזונדערע קאָמיטעען זיינען געענדערט געוואָרען. ער פארלאנגט מען זאָל דיזע ענדערונגען אויך געבען א טשענס צו זעהן ווי זיי וועלען ארבייטען און בעפאָר מיר האָבען זיך איבערצייגט, אז דאָס איז א דורכפאל, זאָל מען קיינע ענדערונגען אין דער פאָרם ניט מאכען.

עס ווערט בעשלאָסען אז די פארוואלטונג זאָל בלייבען ביים אלטען. דער טשערמאַן רולט, אז דאָס מיינט אויך, אז דער פונקט פון פארקלענערען די עקזעקוטיוו אויף 25 פערזאָנען איז צוריקגעוויזען.

פר. נודעלמאַן אפעלירט נעגען דיזער ענטשיידונג און די קאָנווענשאָן הייסט גוט דעם טשערמאַנ'ס ענטשיידונג.

8) מעמבערס פון דער נאַציאָנאלער עקזעקוטיוו זאָלען ניט קענען זיין קיין דעלעגאטען צו א קליינער קאָנווענשאָן.

פר. עפּשטיין ערקלערט, אז די קאָנווענשאָן קאָן אזעלבע בעשליסע ניט פאסען ווייל א קאָנווענשאָן קאָן ניט צונעהמען ביי עקז. מעמבער דאָס רעבט צו נאָמינירט ווערען פאר א דעלעגאט צוגלייך מיט יעדען אנדערען מיטגליעד פון אר. ר. דער טשערמאַן רולט דיזען פונקט אויסער אָרדער.

פר. פאָדים פון וועסטשעסטער קאונטי אפעלירט געגען דער ענטשיידונג פון טשערמאַן און ביי א ראָל קאָל ווערט מיט 48 שטימען געגען 46, בעשלאָסען געגען דער ענטשיידונג פון טשערמאַן.

עס ווערט דאַן פארלאנגט א ראָל קאָל איבער דער אָפּשטימונג פין דיזען פונקט און מיט 65 געגען 32 שטימען ווערט בעשלאָסען דיזע רעקאָמענדיישאָן פון דער קאָמיטע צוריקצוווייזען.

אלע אנדערע רעקאָמענדיישאָנס פון דער קאָמיטע ווערען אָנגענומען.

דער טשערמאַן נעהמט דאַן פאָר די אפשטימונג פאר די דעלעגאטען צום לייבאָר ליענ קאָנווענשאָן.

פר. פיינערמאַן שיקט דאַן צו פאָלגענדען צושריפט:

— איך בין צופיעל באפריינדעט מיט פר. דריישפיעל איך זאָל וועלען לויפען געגען איהם. איך וועל פיהלען אונאנגענעהם ווען פר. דריישפיעל וואָלט דורכגעפאלען אזוי גוט ווי איך זעלבסט וואָלט דורבגעפאלען און בלויז צוליעב פר. דריישפיעל ציה איך צוריק מיין קאנדידאטור אלס דעלעגאט צום לייבאָר ליענ.

פר. פיינערמאַנ'ס ערקלערונג ווערט אָנגענומען אונטער אפלאָדיסמענטען און די פריינדע י. דריישפיעל און ארקין פון פיטסבורג, ווערען ערקלערט אלס די 2 דעלעגאטען צום לייבאָר ליעג קאָנווענשאָן.

די פּאָרזיצענדע מיימאַן און צוקער אנאָנסירען דאָס זיי גיבען איבער דעם טשער צו פריינד וויינבערג צו שליסען די קאָנווענשאָן.

פר. וויינבערג: — עס איז די ערשטע קאָנווענשאָן וואָס ווערט געשלאָסען אָהן גדולים. די היינטיגע קאָנווענשאָן האָט ניט געהאט קיין ספעציעלע אישום. נאָר צו שליבטען די נויטיגע פראגען פון א. ר. עס איז די ערשטע קאָנווענשאָן וואו יעדער דעלעגאט האָט געהאט די פולע געלעגענהייט צו פרעגען און צו רעדען ווי און וואָס ער האָט געוואָלט.

ער שטעלט פאָר פר. א. באסקעט פון באָסטאָן: — ער דריט אויס אין קורצע ווערטער זיין צופריעדענהייט מיט דעם צושטאנד פון א. ר. און מיט די בעשליסע פון קאָנווענשאָן. ער ווינשט אז מען זאָל שוין אין גיכען האָבען א קאָנווענשאָן אין באָסטאָן.

עס ווערען אויך געהאלטען קורצע רעדען ביי די פריינדע: וויסבערג און אָשרי פון פיטסבורג; מיימאַן, וואשינגטאָן; אייזענבערג פון לייבאָר ליעג; ישורין און פיינערמאַן פון ניו יאָרק; י. באסקין, דזשענעראל סעקרעטער.

פר. וויינבערג דריקט אויס א דאנק צום פיטסבורגער פובליקום פאר דער פריינדליכער אויפנאהמע און העפליך פארהאלטען זיך צו די דעלעגאטען. ער בעדאנקט אויך דער ארגאנזשמענטס קאָמיטע פון קאָנווענשאָן און דעם סעקרעטעריאט. ער שטעלט דאַן פאָר פר. עפשטיין צו שליסען די קאָנווענשאָן.

אין א קורצע איינדריקספולע רעדע שילדערט פר. עפשטיין די טעטיגקייט פון אר. ר. אין אלע טיילען פון אונזער בעוועגונג, פארגלייכענדיג עס צו א פראבטפאָלע געביידע וואָס יעדערער וואָס זעהט איהר, וויל וויסען ווער עס איז געוועזען איהר ארכיטעקט. אָבער קיינער אינטערעסירט זיך ניט צו וויסען וועמעס הענד, שוויים און בלוט, עס האָבען דער געביידע אויפגעבויעט. פונקט אזוי ווערט דעם ארבייטער רינג ניט געגעבען דער פולער קרעדיט פאר זיין ארבייט אין יעדען צווייג פון אונזער בעוועגונג.

ער ציינט אָן די שוועריגקייטען וואָס אינז שטעהט פאָר דעם קומענדען יאָהר א דורכצולעבען. און דיזע שוועריגקייטען

וועלען מיר נאָר קענען בייקומען דורך הארמאָניע און פאַראייניגטע קרעפטען.

שליסענדיג די קאָנוועשאָן רופט ער די דעלעגאַטען פאַרטצוזעצען מיט פרישער ענערגיע אונזער ארבייט פאַר אַ בעסערע געזעלשאַפט אין וועלכע אלע איבלען וועלען זיין אַן אונמעגליכקייט און וואו יעדער איינער וועט געניסען די פולע פרוכט פון זיין ארבייט.

דערמיט איז געשלאָסען די 18טע יעהרליכע קאָנוועשאָן.

נ. פיינערמאַן,
מ. אשפיז,
ל. גינצבורג,
סעקרעטערע פון קאָנוועשאָן.

# רעפערענדום באַלאָט פון דער 18טער קאָנווענשאַן פון ארבייטער רינג

## 1. קאָנסאַמפּשאָן בענעפיט און סאַניטאַריום.

| | | |
|---|---|---|
| א) זאָל קאָנסאָמפּשאָן בענעפיט געהעכערט ווערען? | דאַפיר | דאַגעגען |
| ב) קאָנסאָמפּשאָן בענעפיט זאָל געצאָהלט ווערען — — — — — | $150 | $200 |
| ג) אויב די העכערונג פון קאָנסאָמפּשאָן בענעפיט זאָל דורכפאַלען, זאָל דער סאַניט. אויפהאַלטונגס פאָנד געהעכערט ווערען מיט 5 סענט אַ קווארטאַל? | דאַפיר | דאַגעגען |
| ד) מעמבערס, וועלכע ווערען קראַנק אויף קאָנסאָמפּשאָן נאָך 6 מאָנאַט און בעפאר אַ יאָהר, זאָלען זיין בערעכטיגט צו סאַניטאריום נאָכדעם, ווי זיי וועלען זיין מעמבערס אַ יאָהר, אומקעהרענדיג צום סאַניטאַריום דעם קאָנסאָמפּשאָן בענעפיט, וואָס זיי האָבען בעקומען | דאַפיר | דאַגעגען |

## 2. עדיוקיישאָנאַל ארבייט.

| | | |
|---|---|---|
| א) זאָל דער בודזשעט פאַר דער עדיוקיישאָנאַל ארבייט פערגרעסערט ווערען? | דאַפיר | דאַגעגען |
| ב) דער בודזשעט פאַר עדיוקיישאָנאַל ארבייט זאָל זיין — — | $5000 | $6000 |
| ג) זאָל ארויפגעלייגט ווערען אַ טעקס אויף די מעמבערס פאַר אידישע ארב. רינג שוהלען? | דאַפיר | דאַגעגען |
| ד) אַ טעקס פאַר א. ר. שוהלען זאָל ארויפגעלעגט ווערען אויף יעדען מעמבער, פער קווארטאַל | 1 סענט | 2 סענט |

## 3. אָרגאַניזאַציאָנס ארבייט.

| | | |
|---|---|---|
| א) דער בודזשעט פאַר ארגאַניזאַציאָנס ארבייט זאָל אָבגעשאַפט ווערען און די ארג. קאָמ. זאָל זיך קאָנען בענוצען מיט דעם גאַנצען ארג. פאָנד, וועלכער בעשטעהט פון 3 ס. אַ קווארטאַל פער מעמבער. | דאַפיר | דאַגעגען |
| ב) די סיטי און דיסט. קאָמיטעס זאָלען אָבהאַלטען קאָנפערענצען צו רעפּאַרטען פון זייער טעטיגקייט וועניגסטענס איין מאָל אין 6 מאָנאַט. | דאַפיר | דאַגעגען |

## 4. געשטראָבענע מעמבערס.

| | | |
|---|---|---|
| א) געשטראַבענע מעמבערס, וועלכע זיינען איבער דעם אר. רינג איבער 2 יאהר זאָלען קאָנען אריינגענומען ווערען אלס נייע מעמבערס און ניט דארפען בעצאָהלען די אלטע שולדען צום ברענטש, חוץ שולדען פאר לאָאַנס אדער פאר טיקעטס. | דאַפיר | דאַגעגען |
| ב) אלע געשטראָבענע מעמבערס פון ארב. רינג זאָלען קאָנען אריינגענומען ווערען אלס נייע מעמבערס אין די מאָנאַטען אָקטאָבער, נאָוועמבער און דעצעמבער 1918, און יאנואר 1919, און ניט דארפען בעצאָהלען די אַלטע שולדען צום ברענטש, חוץ שולדען פאר לאָאַנס אדער טיקעטס. | דאַפיר | דאַגעגען |

## 5. נייע מעמבערס.

| | | |
|---|---|---|
| א) נייע מעמבערס זאָלען קאָנען אריינגענומען ווערען אין עלטער ביז 45 יאָהר, און זאָלען דארפען האָבען ספּעשעל עקזאַמינײשאָן און זאָלען צאָהלען די פולע „רייטס" גלייך פון זייער אויפנאַהמע אלס מעמבערס. | דאַפיר | דאַגעגען |

## 6. קאָנווענשאָן.

| | | |
|---|---|---|
| די 19טע יעהרליכע קאָנווענשאָן זאָל געהאַלטען ווערען אין — — | דעטראָיט מישיגען | פּראָווידענס, ר.א. |

## 7. נעשאָנאַל באָארד אָוו דירעקטאָרס.

| | | |
|---|---|---|
| א) זאָלען די ריילראוד קאָסטען פאר די נ. ב. אָוו ד. געהעכערט ווערען? | דאַפיר | דאַגעגען |

| | | |
|---|---|---|
| ב) די ריילראוד קאָסטען פאַר די דע־לעגאַטען פון די נ. ב. אָוו. ד. זאָלען זיין — — — — — — | $40 | $50 |

8. אמענדמענטס צו דער קאָנסטיטושאָן.

| | | |
|---|---|---|
| א) ארטיקעל 11, ביי יעדען פונקט וואו עס שטעהט: קען אפעליר־רען צו דער עקז. קאָמ. וועמעס ענטשיידונג איז בינדענד, זאָל זיך לעזען ווי פאָלגט: קאָן אפעלירען צו דער עקז. קאָמ. געגען דער ענטשיידונג פון דער עקז. קאָמ. קאָן־אפעלירט ווע־רען צו די נ. ב. אָוו ד., וועמעס ענטשיידונג איז בינדענד. | דאפיר | דאגעגען |
| ב) צו ארטיקעל 11, פונקט 11, זאָל צוגעגעבען ווערען: אויב דער קלעגער אדער אפעלאַנט איז אונצופריעדען מיט דער ענט־שיידונג, קאָן ער אפעלירען צו דער נאצ. עקז. קאָמ. אין צייט פון 30 טעג נאָכ'ן רעפאָרט פון דער אונטערזוכונגס קאָמיטע פון ברענטש. | דאפיר | דאגעגען |
| ג) ארטיקעל 20, פונקט 6 זאָל זיך לעזען: יעדען יאהר אין מאָנאַט פעברואר (אנשטאט די ערשטע ווָאך אין מאָנאַט מארטש) זאָל די עקז. פעררופען טערי־טאָריען קאָנפערענצען, א. ז. וו. | דאפיר | דאגעגען |

9. פערשיעדענעס.

| | | |
|---|---|---|
| א) פון יאנואר 1919, זאָלען די ברענ־טשעס קריגען קרעדיט פאַר גע־שטראָכענע מעמבערס, אויך פאַר דעם מאָרטשועריו פאָנד | דאפיר | דאגעגען |
| ב) די עקז. קאָמ. זאָל האָבען דאָס רעכט, אויב זי וועט דאָס גע־פינען פאַר נויטיג, זיך אָנצו־שליסען אלס מעמבער אין פער־שיעדענע האָספּיטאלס און אויף דעם ספּענדען ניט מעהר ווי 3000 דאָלאַר א יאָהר. | דאפיר | דאגעגען |
| ג) גוט צו הייסען די האנדלונג פון קאָנווענשאָן, וועלכע האָט בע־שטימט צו העכערען די דע־לעגאַטען פון לעצטען קאָנווענ־שאָן 2 דאָלאַר א טאָג, צוליעב די גרויסע עקספּענסעס. | דאפיר | דאגעגען |
| ד) די עקז. קאָמ., צוזאַמען מיט דעם ליגאַל אדוויזער, זאָל האָבען דאָס רעכט צו רופען א ספּעשעל ליגעל קאָנווענשאָן און בעשטי־מען די, פערטרעטערשאַפט צו אזא קאָנווענשאָן פאַר דעם צוועק צו מאַכען אמענדמענטס צו דער קאָנסטיטושאָן אויב אזעלכע וועלען נויטיג זיין צו־ליעב די געזעצע פון פערשיע־דענע סטייטס. אזעלכע קאָנ־ווענשאָנס קאָנען זיך בעשעפ־טיגען בלויז מיט אמענדמענטס ווי אויבען אָנגעדייטעט. | דאפיר | דאגעגען |

שטיצע.

| | | |
|---|---|---|
| ניו יארק „קאָלל" $750. — — — | דאפיר | דאגעגען |
| „די וועלט", שיקאַגאָ, $400 | דאפיר | דאגעגען |
| „נייע וועלט", $250 — — — — — | דאפיר | דאגעגען |
| אידישע סאָציאליסטישע פעדעראציאָן $250. | דאפיר | דאגעגען |
| סאָציאליסטישע פּארטיי, מיליאָן דאָל. פאָנד, $500. | דאפיר | דאגעגען |
| קראָפּאָטקין ליטעראטור געזעלשאַפט, $25. | דאפיר | דאגעגען |
| היברו אימיגראַנט אייד סאָסייטי, $250 | דאפיר | דאגעגען |
| לאָס אנדזשעלעס סאניטאריום, $500 | דאפיר | דאגעגען |
| א. ר. רעליעף קאָמ., לאָס אנדזשעלעס, $400. | דאפיר | דאגעגען |
| דענווער סאניטאריום, $500 — — | דאפיר | דאגעגען |
| ארב. רינג רעליעף קאָמיטע, דענווער, $400 | דאפיר | דאגעגען |
| מוני דעפענס קאָמיטע, $100 — — | דאפיר | דאגעגען |

פיטסבורגער אינסטיטושאָנס.

| | | |
|---|---|---|
| לייבאָר לייסעאום, $500 — — — | דאפיר | דאגעגען |
| אידישער האָספּיטאל, $150 — — | דאפיר | דאגעגען |
| מושב זקנים, $50 — — — — — — | דאפיר | דאגעגען |
| הכנסות אורחים, $25 — — — — | דאפיר | דאגעגען |
| בייבי האום, $25 — — — — — — | דאפיר | דאגעגען |
| יאָנג פּיפּעלס סאָצ. ליעג לייברערי, $25 | דאפיר | דאגעגען |
| סאַנדיי סקולס, $25 — — — — — | דאפיר | דאגעגען |
| אלעגאַני קאונטי לאָקאל ס. פּ., $25 | דאפיר | דאגעגען |
| 31טען דיסטריקט, פיטסבורג ס. פּ., $25 | דאפיר | דאגעגען |
| יאגאסקין בית יתומים, $25 — — — | דאפיר | דאגעגען |
| קאָנווענשאָן אראנזשמענטס קאָמ., $50 | דאפיר | דאגעגען |

# באַגריסונגס טעלעגראַמען צו דער 18טער קאָנווענשאָן

יוניאָנס, סאָציאַליסטישע אינסטיטוציאָנען, צענדליגע אַרבייטער רינג בראַנטשעס, דיסטריקט־קאָמיטעס, אַרבייטער רינג טוער און פריינדע און פערשידענע אַנדערע אינסטיטוציאָנען האָבען פאַרפלייצט די קאָנווענשאָן מיט אַ מבול פון טעלעגראַמעס. מיר דרוקען זיי דאָ אויסגעסאָרטירט — פריהער די יוניאָנס, די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, דערנאָך די לייבאָר ליעג, אַרבייטער רינג בראַנטשעס, א. א. וו.

---

**יוניאָנס:**

גערוסען און די בעסטע ווינשע צו אייער קאָנווענשאָן. זאָל דער רינג פון אייער צירקעל ווערען אַ גרעסער אין כּח און אין גבורה. — וויליאם בלום, סעק. לאָקאַל 1, אינט. לייד. גאַרמ. וואָרק. יוניאָן.

—

מיר זיינען איבערציינט, דאָס אייער קאָנווענשאָן וועט ביישטייערען איהר חלק צו די אידעאַלען פון דער אַרבייטערשאַפט, מענשהייט, דעמאָקראַטיע און נאַציאָנאַלע זעלבסט־בעשטימונג אין דיעזער צייט פון דעם וועלט־קריזיס. הערצליכע גערוסען און ווינשע פאַר ערפאָלג. — מ. צוקערמאַן, גענ. סעק., יונייטעד קלאָטה העט און קעפּ מייקערס יוניאָן.

—

אין נאָמען פון די 60 טויזענד מיטגליעדער פון דער ניו יאָרקער דזשאָינט באָאַרד פון די אַמאַלגאַמייטעד קלאָדהינג וואירקערס אָף אַמעריקא, שיק איך אייך הערצליכע גערוסען און קאָנגראַטולאַציאָנען צו אייער 18־טער קאָנווענשאָן. די קאָנווענשאָן פון א־ב. רינג קייטעלט צוזאַמען די געדאַנקען און די אידעאַלען פון דיעזען גרויסען רינג פון דער ארבייטערשאַפט מיט די אידעאַלען פון דער אַמאַלגאַמייטעד קלאָדהינג וואירקערס אָף אַמעריקא, וואָס דאָס אליין דריקט שוין אויס באַגייסטערונג און ערפאָלג און ברענגט די בשורה פון האָפנונג צו יענע גרויסע מאַסען פון מענער און פרויען, וועמעס צוקונפט איהר שטרעבט צו מאַכען ליכטיגער און גליקליכער. — פּעטער מאָנאַט, סעק.־טרעזש. ניו יאָרק דזשאָינט באָאַרד פון די אַמאַלגאַמייטעד קלאָדהינג וואירקערס אָף אַמעריקא.

—

נעהמט צו די האַרצליכסטע גערוסען פון די שיקאַגאָ'ער פאַראייניגטע געווערקשאַפטען, גערוסען פון די גוט־אָרגאַניזירטע אידישע אַרבייטער, וואָס קעמפּפען פאַר זייער עקאָנאָמישער און מאָראַלישער באַפרייאונג. דער אַרבייטער־רינג איז אַ וויכטיגע אַפּטיילונג אין דער אָרגאַניזירטער אַרבייטער אַרמעע. מיר ווינשען אייער קאָנווענשאָן די בעסטע רעזולטאַטען. — ר. יוקעלסאָן, פּרעזידענט.

—

די אינטערנייציאָנאַל לײדיס גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן קאָנגראַטולירט אייך מיט אייער גלענצענדען ערפאָלג נישט נור אין דער אויפבויאונג פון אַזאַ ריעזיגע ברודער־אָרגאַניזאציאָן נור אויך אין אייער וויכטיגע עדיוקיישאָנאַל ארבייט צווישען די גרויסע מאַסען פון די אידישע אַרבייטער אין אמעריקא. אונזער אינטערנייציאָנאַל פיהלט שטענדיג דעם פאַקט, דאָס זי האָט אַן ערנסטען און זיכערען פריינד אין אייך און אין אייער גרויסען אָרדען. — ב. שלעזינגער, פּרעזידענט; אב. באַראָף, סעק.

—

זעצט פאָרט אייער גוטע אַרבייט. מיר קאָנגראַטולירען אייך מיט די טיעפסטע דאַנקבאַרקייט. — עקזעקוטיוו באָאַרד, באַרבערס יוניאָן, לאָקאַל 752, מ. בריל, סעק.

—

גענאָסען און פריינדע: נעהמט צו אונזערע קאָנגראַטולאַציאָנען און די בעסטע ווינשע צו אייער אכטצעהנטער קאָנווענשאָן. מיר זיינען זיכער, דאָס די אמת'ע ברודער־ליעבע וועט אייך באַגייסטערען און וועט אייך בשלום אריבערפיהרען איבער אלע שטרויכלונגען און שאַרפע פראַגען, וועלכע זיינען אונפאַרמיידליך אין אַזאַ גרויסער אָרגאַניזאציאָן, וואָס שטעלט פאַר מיט זיך פערשיעדענע ריכטונגען און וועלט־אָנשויאונגען וועגען דעם סאָציאַלען לעבען און דער צוקונפטיגער געביידע פון דער געזעלשאַפט. די דזשאָינט באָאַרד פון די קלאוק־מייקערס יוניאָן אין ניו יאָרק איז שטאָלץ מיט דער הילפע וואָס דער אַרבייטער רינג האָט אַזוי פרייוויליג און טריי געלייסטעט די קלאוקמייקערס אין אלע זייערע קעמפּפע פאַר אַ בעסערען לעבען. — ברידערליך אייערע, דער דזשאָינט באָאַרד פון די קלאוק און סקוירט מייקערס יוניאָן, ל. לאַנגער, סעק.

—

מיר, די בעאַמטע און מיטגליעדער פון לאָקאַל, 2 אמאלגאמייטעד קלאָדהינג וואירקערס אָף אַמעריקא, שיקען אונזערע גרוסען און בעסטע ווינשע צו אייער 18־טע קאָנווענשאָן. זאָל אייער ארבייט זיין ערפאָלגרייך אין דער צוקונפט ווי אין דער פאַרגאַנגענהייט אין די אינטערעסען פון ארבייטער קלאַס און זאָלען מיר נישט רוהען ביז מיר וועלען באַקומען די פולע פרוכט פון אונזער אַרבייט. — די עקזעקוטיווע פון לאָקאַל 2.

—

נעהמט צו די האַרצליכסטע גערוסען און קאָנגראַטולאַציאָנען, אויך אונזערע בעסטע ווינשע פאר ערפאָלגרייכע פאַרהאַנדלונגען. — יוסף שלאָסבערג, דזשענ. סעק. אמאלגאַמייטעד קלאָדהינג וואָירקערס אָף אַמעריקא.

—

מיר באַגריסען די 18־טע קאָנווענשאָן פון ארבייטער רינג און מיר ווינשען אייך ערפאָלג. — דער בראַנטש פון די יוניאָן קעבינעט־מייקערס.

—

הערצליכע גערוסען צו אייער אויסגעצייכענטער פערזאַמלונג. זאָלען אייערע פאַרהאַנדלונגען זיין קלוג און גערעכט און אייער ערפאָלג אין דער צוקונפט זאָל זיין ווי אין דער פאַרגאַנגענהייט. — היברו אַמעריקאַן טיפּאָגראַפיקעל יוניאן נומער 83.

---

## סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אינסטיטוציאָנען.

נעהמט צו אונזערע האַרצליכע גערוסען צו אייער אַכטצעהנטער קאָנווענשאָן. זאָל אייער אַרבייט זיין ערפאָלגרייך צווישען דעם אָרגאַניזירטען פּראָלעטאַריאַט. — די איסט סייד אַגיטאַציאָנס־קאָמיטע פון דער סאציאליסטישער פּאַרטיי.

—

האַרצליכסטע גערוסען און קאָנגראַטולאציאָנען! — די סאָציאַליסטישע זונטאג־שוהלע אין בראָנזוויל.

—

קאָנגראַטולאַציאָנען צו אייער 18טע קאָנווענשאָן. זאָלען מיר האָפען, דאָס צו די נעקסטע קאָנווענשאָן פון ארבייטער רינג וועט דער „בונד" קענען שיקען אַ דירעקטע קאָנגראַטולאציאן פון רוסלאַנד. עס לעבע דער אַרב. רינג. — צענטראַל פערבאַנד פון „בונד."

—

די ראַנד סקול פאַר סאָציאַלע וויסענשאַפט מיט איהרע 4 טויזענד סטודענטען שיקט איהר באַגריסונג און האָפט דאָס די סאָלידאַריטעט צווישען די סאציאליסטישע אינסטיטוציאָנען וועט אימער שטאַרקער ווערען. — בערטהא ה. מיילי, סעק.

—

גענאָסען, מיר באַגריסען אייך הערצליך. זאָל אייער אַרבייט נאָך שטאַרקער מאַכען דעם גרויסען אידישען אַרבייטער ארדען און אַרבייטען צו דער ענדגילטיגער באַפרייאונג פון דעם אַרבייטער קלאַס. — אידישע בר. ס. פּ. אַפּטאַון, פילאַדעלפיא.

## לייבאָר ליעג ברענטשעס.

גערוסען צו אייער 18־טער קאָנווענשאָן. זאָל אייער 19־טע קאָנווענשאָן שוין קענען זיין אין באָסטאָן. — בר. 1 לייבאָר ליעג.

—

נעהמט צו אונזערע ערנסטע ווינשע. מיר זיינען שטענדיג געווען און וועלען זיין מיט אייך פאַר אייניגקייט. מיר ווילען האָפען דאָס די 20טע קאָנווענשאָן וועט זיין אין באָסטאָן, מאַסס. — בר. 3 לייבאָר ליעג, וואוסטער, מאַסס.

—

מיר באַגריסען אייך הארצליך צו דער 18טער קאָנווענשאָן און מיר האָפען דאָס אין גיכען וועלען מיר זיין מיט אייך צוזאמען. — בר. 5 לייבאָר ליעג.

—

ברידערליכע גערוסען צו אייער קאָנווענשאָן. זאָלען די רעזולטאַטען פון אייערע פאַרהאַנדלונגען זיין האָפנונגספולע. מיר האָבען שטענדיג געאַרבייט פאַר א י י ן אַרבייטער רינג אין אמעריקא. — בר. 9 לייבאָר ליעג, מאָלדען, מאַסס.

—

מיר ווינשען אייך ערפאָלג אין אייער אַרבייט. מיר האָפען דאָס צו דער נעקסטער קאָנווענשאָן וועט שוין זיין א י י ן אַרבייטער רינג אין אמעריקא. — בר. 25 לייבאָר ליעג, א. קאָהען, סעק.

—

אונזער האַרצליכסטע גערוסען צו אייערע און אונזער קאָנווענשאָן. מיר האָפען דאָס איהר וועט זיך צו הערען צו דער בקשה פון אייערע דריי טויזענד מעמבערס אין מאַססאַטשועזעטס און וועט זיך צו איילען צו ערנייכען אונזער ציעל פאַר א י י ן ארבייטער רינג אין אמעריקא. — די באָאַרד אָוו דירעקטאָרס, לייבאָר ליעג.

## פון די בעאַמטע אין דזשענעראַל אָפיס.

מיין הערצליכסטע בעגריסונג צו דער 18־טער יעהרליכער קאָנווענשאָן. זאלען אייערע פאַרהאַנדלונגען ווערען געלייטעט דורך דעמזעלבען אויפריכטיגען פריינדשאַפטס געפיהל, וואָס האָט געבראַכט אונזערע אָרגאַניזאציאָנען צו אַזאַ בליהענדיגען צושטאַנד. אין דיעזען פינסטערען מאָמענט פון דעם וועלט־קאָנפליקט, ווען די אינטערנאַציאָנאַלע ארבייטער־אָרגאַניזאציאָנען זעהען אויס צו זיין צושמעטערט, זאָל אמוועניגסטענס אייערע בעשטימונגען בלייבען טריי צו דעם אינטערנאציאָנאַלען גייסט, וואָס האָט שטענדיג געהערשט אין די רייהען פון ארבייטער רינג. פון מיין טיעפסטען האַרצען האָף איך, דאָס דער קלאָרער בעוואוסטזיין וועגען אייער אויפגאבע וועט ווערען פארקערפערט אין ענערגישער טעטיגקייט, וואָס וועט פיהרען דעם אַרבייטער רינג צו ווייטערע און גרעסערע ערפאָלגען. עס לעבע דער אַרבייטער רינג! — פ. גאָליעבטער, רעק. סעק.

—

הערצליכע גערוסען און ברכות. האָט ערפאָלג אין אייער ארבייט. — סעמעטערי דעפּאַרטמענט.

—

אַלע בעאַמטע אין אָפיס שיקען זייערע האַרצליכע גערוסען און בעסטע ווינשע צו דער 18־טער יעהרליכער קאָנווענשאָן. זאָל לעבען און בליהען דער אַרבייטער רינג! — עפשטיין, זאַק, קאהן, רובין, וואהלבערג, גאָלדמאן, זיואן, גראף, קושנער, העלמאן, גאָלדשטיין, ראטהמאן, יאעלסאָן, פלאטקין, וויינבלאט.

—

מיינע ערנסטע ווינשע פאַר אַ גליקליכע און פרוכטבאַרע קאָנווענשאָן. איך בעדויער זעהר, וואָס איך האָב בשום אופן נישט געקענט זיין מיט אייך. — דר. ל. ראָזענבערג, מעדיקאל דירעקטאָר און סופּעראינטענדענט פון סאַניטאָריום.

—

גערוסען צו אייער 18־טע יעהרליכע קאָנווענשאָן. מיר ווינשען אייך ערפאָלג און האַרמאָניע אין אייער ארבייט. — דער ארב. רינג כאָר, ניו יארק.

## סיטי און דיסטריקט אָרגאַניזאַציאָנען א. ר.

הערצליכע גערוסען און בעסטע ווינשע פאר אן ערפאָלגרייכער קאָנווענשאָן! — די דיסטריקט אָרגאַניזאציאָנס קאָמיטע פון פילאַדעלפיא.

—

הערצליכע גערוסען צו אונזער 18־יעהריגע קאָנווענשאָן און מיר ווינשען אייך סוקסעס און פּראָגרעס אין דער ארבייט. — דיסטריקט אָרגאַניזאצ. קאָמיטע, שיקאַגאָ.

—

נעהמט צו אונזערע באַגריסונגען. זאָל די נעקסטע קאָנווענשאָן זיין אין פּראָווידענס, און מיר וועלען האָבען 1000 מעמבערס. — סיטי־קאָמיטע, א. ר., פּראווידענס.

—

די נאָרטה־וועסטערען דיסטריקט קאָמיטע שיקט איהרע קאָנגראַטולאַציאָנען צו דער 18־טער קאָנווענשאָן פון א. ר. און האָפט דאָס עס וועלען אָנגענומען ווערען אלע שריטע צו בעשאפען איין מעכטיגען אייזערנעם רינג, גרויס און אייניג. — נ. וו. דיסטריקט קאָמ., ס. פריעדמאן, טשערמאן.

—

מיר באַגריסען אייך דעלעגאטען און קאָנגראטולירען אייך מיט אונזער ערפאָלג אין דער פאַרגאַנגענהייט און מיר ווינשען נאָך אַ גרעסערען סוקסעס אין אונזער צאָהל, פינאַנציעל ווי אויך מאָראַליש. מיר האָפען אין גיכען צו פרעהען זיך מיט דער שלום קאָנווענשאָן פון דע רוועלט און צוריק האָבען אונזערע „באָיעס" אין דער היים. — ראטשעסטער סיטי און דיסטריקט קאָמיטע. א. שולמאן, סעק.

—

גערוסען צו דער 18־טער קאָנווענשאָן. מיר ערוואַרטען די נעקסטע קאָנווענשאָן וועט געהאלטען ווערען אין דעטראיט און מיר ווינשען דאָס אייער ארבייט זאל געקרוינט ווערען מיט ערפאלג. — דעטראָיט דיסטריקט קאָמיטע, ב. דאקסער, סעק.

## אַרבייטער רינג ברענטשעס.

גערוסען צו דער 18טער יעהרליכער קאָנווענשאָן. זאל אייער ארבייט געקרוינט ווערען מיט גרויס ערפאלג אין דער ווייטערדיגער ענטוויקלונג פון אונזערע ציעלען און ווינשע אין ממשות'דיגע רעזולטאַטען. שטעהט אויף דער וואַך אין דיעזע שווערע צייטען, ווען מ'דאַרף האָבען אזוי פיעל ערפאהרונג און וויטזיכטיגקייט אויף יעדען טריט. — אייערע פאר אונזער זאַך, בר. 1.

—

גערוסען און בעסטע ווינשע פאר אן ערפאָלגרייכער קאָנווענשאָן. — בר. 2.

—

מיר האָפען, דאָס איהר דעלעגאטען און פריינדע וועט זיין די פיהרענדע שטערען אין דיעזע שרעקליכע צייטען פאר דעם בעסטען פון אונזער אידעאַלען אָרדען. מיט פריינדליכע גערוסען, ברענטש 12.

—

אלס איינע פון די עלטסטע רינגען אין דעם צירקעל באגריסען מיר אייך און מיר האָפען, דאָס איהר וועט באַשליסען די נעקסטע קאָנווענשאָן זאָל געהאַלטען ווערען אין פּראָווידענס. — בר. 14.

—

גערוסען און די בעסטע ווינשע פאַר ערפאָלג. — בר. 15, ה. עדעלמאן, סעק.

—

גערוסען צו אונזערע דעלעגאַטען פון דער 18־טער קאָנווענשאָן. די בעסטע ווינשע אייך אין אייערע אָנשטרענגונגען צו מאכען אונזער אָרדען נאָך שטאַרקער און גרעסער. — בר. 28.

—

18 איז ח"י, און דאָס מיינט לעבען. מיר ווינשען טאַקע דאס דער 18־טער קאָנווענשאָן פון אונזער באַליעבטען אָרדען. — בר. 29.

—

גערוסען צו אלע דעלעגאטען און די בעסטע ווינשע פאר ערפאָלג. — בר. 32, מ. קאגאן, סעק.

—

גערוסען צו דער 18־טער קאָנווענשאָן. — ברענטש 36.

—

מיר ווינשען אייך דעלעגאטען צו האָבען דעם בעסטען ערפאלג אין אייער 18־טער יעהרליכער קאָנווענשאָן.—בר. 38, ס. יעלין, סעק.

—

די בעסטע וואונשען אייך דעלעגאטען אין אייער ארבייט פאר

רעס וואוקס פון ארדען. זאל די צאָהל 18 אויסדריקען די העברעאישע בעדייטונג פון דיעזען וואָרט אין אייער אַרבייט. — בר. 39.

—

גערוסען פון אַלע אונזערע מעמבערס צו אלע דעלעגאטען. — בר. 44.

—

נעהמט צו אונזערע גראטולאציאנען און ווינשע פאר גרויס ערפאָלג. — בר. 48, ברידזשפאָרט, ס. לוריע, סעק.

—

נעהמט צו אונזערע גראַטולאציאנען צו אייער יעצטיגער קאָנווענשאָן. זאלען אייערע פארהאַנדלונגען ברענגען צו א גרעסערע און שטאַרקערע אַרבייטער אָרגאניזאציאן פון געגענזייטיגער הילפע. — בר. 49.

—

האַרצליכסטע גערוסען. זאָל אייער אַרבייט פאר דער צוקונפט זיין אזוי ערפאָלגרייך ווי די ארבייט אין דער פאַרגאַנגענהייט. — בר. 51.

—

הערצליכסטע גערוסען און ווינשע פאר ערפאָלג. זאלען מיר האָפען, דאָס מיר וועלען קומען צו דער נעקסטער קאָנווענשאָן מיט הונדערט און פופציג טויזענד מיטגליעדער. — בר. 52.

—

האַרצליכע גערוסען צו אייך, דעלעגאטען. — בר. 75.

—

מיר זיינען וויט פון אייך אָבער מיט אונזערע געדאנקען זיינען מיר מיט אייך. מיר וועלען האָפען, דאָס מיט אייער הילפע וועט אונזער אָרגאַניזאציאן בליהען און געדייהען. — בר. 82.

—

מיר ווינשען אייך ערפאָלג אין אלע אייערע אונטערנעהמונגען. — בר. 99, ב. גאלק, סעק.

—

ערפאלג אין אייער ארבייט ווינשען מיר אייך צו דער 18־טער קאָנווענשאָן. — בר. 107, א. העק, סעק.

אונזערע בעסטע ווינשע פאַר אן ערפאָלגרייכע קאָנווענשאָן. זעהט דאָס די נעקסטע זאָל געהאַלטען ווערען אין פּראָווידענס. — בר. 110, הערי א. העלד, סעק.

—

מיר גראטולירען אייך פון טיעפסטען הארצען און ווינשען אייך ערפאָלג אין דער ארבייט פון דער 18־טער קאָנווענשאָן. — בר. 120, נ. סטייפמאן, סעק.

—

נעהמט צו אונזערע גערוסען צו דער 18טער יעהרליכער קאָנווענשאָן. זאָל זיין אייער ארבייט קאָנסטרוקטיוו מאַטעריעל און גייסטיג און זאָל בייזשטייערען צו דעם קאַמפף פאַר א מ ת ׳ ע ר דעמאָקראַטיע. אימער און אייביג מיט אייך פאר ברידערליכקייט. — בר. 149, ס. בערענשטיין, סעק.

—

מיר באַגריסען אייך און מיר מאכען פאָרברייטונגען פאר דער נײַנצעהנטער קאָנווענשאָן אין דעטראָיט. — בר. 156, דעטראָיט, ה. קולקין, סעק.

—

האַרצליכע גערוסען אייך און ווינשע פון ערפאָלג פאר דער צוקונפטיגער אַדמיניסטראַציאן. — בר. 184, ה. סיגעל, סעק.

—

גראַטולאַציאָנען און בעסטע ווינשע אייך. — בר. 198, האָבאָקען.

—

ערלויבט אונז באגריסען אייך, דעלעגאטען, צו דער 18־טער יעהרליכער קאָנווענשאָן פון א. ר. און ווינשען דאָס אייערע פאַרהאַנדלונגען זאלען געקרוינט ווערען מיט ערפאָלג פאר דעם פּראָגרעס פון אונזער אָרגאַניזאציאן און דער אַלגעמיינער באוועגונג פאַר אַ שעהנערע צוקונפט. — בר. 200, מ. פּרעסמאן, סעק.

—

גערוסען אייך און ווינשע דאָס אלע אייערע אָנשטרענגונגען צו פאַרשטאַרקען אונזער באליעבטען א. ר. זאָל זיך קרוינען מיט גרויס ערפאָלג. — באָברויסקער בר. 206, סעלדען, סעק.

פּראָגרעס, סאָלידאַריטעט און אלעס גוטעס — אונזער קאָנווענשאָן. — בר. 208, ניו ברונסוויק.

—

מיר שיקען אייך די בעסטע גרוסען און האָפען דאָס איהר וועט טהון אייער בעסטעס פאַר דעם וואָהלזיין פון אונזער טייערען אָרדען. — בר. 215, ע. שטיין, סעק.

—

מיר גראַטולירען די 18־טע יעהרליכע קאָנווענשאָן און ווינשען איהר ערפאָלג. — בר. 220.

—

מיר באַגריסען די קאָנווענשאָן הערצליך און האָפען דאָס זי וועט זיין די ערפאָלגרייכסטע און די אמעהרסטען קאָנסטרוקטיווע קאָנווענשאָן אין עדיוקיישאָנאַל זין. — אדעסער בר. 225, מאַנדעל, סעקרעטער.

—

מיר באגריסען אייך בעאמטע און דעלעגאטען צו דער 18טער יעהרליכער קאָנווענשאָן און ווינשען אייך ערפאלג אין אייער ארבייט. — שיקאַגאָ׳ער בר. 236.

—

טייערע פריינדע! זאלען אייערע ערענסטע אָנשטרענגונגען פאר אונזער באליעבטען ארבייטער רינג געקרוינט ווערען מיט ערפאָלג. — גרשוני בר. 240.

—

מיר באַגריסען אייך און ווינשען אייך אן ערפאָלגרייכע קאָנווענשאָן און מיר האָפען, דאָס די נעקסטע קאָנווענשאָן וועט ווערען אָבגעהאלטען אין נואַרק, נ. דזש. — בר. 256, י. וואַוומאן, סעק.

—

די בעסטע ווינשע פאר אַ האַרמאָנישע קאָנווענשאָן. — בר. 265, ס. שעץ, סעק.

—

מיר באגריסען הארצליך די 18־טע קאָנווענשאָן, וועלכע ווערט יעצט אָבגעהאלטען אין פּיטסבורג. מיר זיינע איבערצייגט און זיכער דאָס די דעלעגאטען פערזאמעלט ביי דיעזען קאָנווענשאָן וועלען זיין באזעלט מיט דער גרויסער אידעע צו מאכען דעם אַרבייטער רינג שטאַרקער און איינפלוסרייכער אין דער אידישער אַרבייטער באוועגונג, און מיר ווינשען און האָפען דאָס צו דער קומענדער קאָנווענשאָן זאָלען מיר האָבען איין שטאַרקען, מעכטיגען ארבייטער רינג אין די פאַראייניגטע שטאַאַטען. — בר. 280, ניו יארק.

—

מיר באַגריסען אלע דעלעגאטען פון דער קאָנווענשאָן און מיר ווינשען אייך דעם גרעסטען ערפאלג אין אייערע בעמיהונגען פאר אונזער גרעסטען אידישען אַרבייטער אָרדען, דער אַרבייטער רינג. — ווילנער בר. 283. — ל. פאועל, סעק.

—

האַרצליכע גראטולאציאָן פאר דער ערפאָלגרייכער אַרבייט פון לעצטען יאָהר. מיר ווינשען אייך האַרמאָניע און סוקסעס אין אייער ארבייט און 70 טויזענד מעמבערס מיט אַ מיליאָן פארמעגען צו דער נעקסטער קאָנווענשאָן אין באָסטאָן. — בר. 288 ניו יארק.

—

נעהמט צו אונזערע האַרצליכסטע גראטולאציאנען. מיר ווינשען אייך ערפאָלגרייכע רעזולטאַטען און זאָגען צו אונזער שטיצע פאַר אן א י י נ ה י י ט ל י כ ע ן ארבייטער רינג. — בר. 312.

—

מיט די בעסטע ווינשע פאַר ערפאָלג באַגריסען מיר די 18־טע קאָנווענשאָן פון אונזער טייערע אָרגאַניזאציאן און מיר האָפען, דאָס זי וועט ווייטער אָנגעהן מיט דערזעלבער ענערגיע ווי פריהער אין אדורכפיהרען די פּרינציפּען, וואס דער ארב. רינג האָט פּראָקלאַמירט. — בר. 317 פּאָרטלאַנד, מעין, מ. וויסבערג, סעק.

—

גראַטולאַציאָנען צו דער 18־טער קאָנווענשאָן און ווינשע פאַר ערפאָלגרייכע און האַרמאָנישע אַרבייט און זאָל אונזער נעקסטע קאָנווענשאָן זיין אין דעטראָיט. — בר. 337 דעטראיט.

—

מיר באַגריסען אייך דעלעגאטען פאר אייער גוטע אַרבייט און מיר ווינשען דאָס איהר זאָלט האבען נאָך גרעסערען ערפאָלג איז

דער צוקונפט. זאָל אונזער שלאָג־וואָרט זיין: הונדערט־טויזענד מעמבערס! — בר. 349, ראָטשעסטער, נ. י.

זאָל אייער ארבייט ברענגען אונז צו פריינדשאַפט, הארמאָניע און ברידערליכקייט. — 353, דולוטה, נ. שניידער, סעק.

אונזערע הארציגסטע גראַטולאַציאָנען צו די פּאַרזאַמעלטע דע־לעגאַטען און אונזער ערנסטע האָפנונגען פאַר איין גרויסען, סאָ־לידען אַרבייטער רינג אין אמעריקא צו דער נעקסטער קאָנווענ־ציאָן. — בר. 362, קיימדען, נ. דזש.

מיר ווינשען אייך, דעלעגאַטען, דעם בעסטען ערפאָלג אין די רעפּאָרמען, וואס איהר געהט אדורכפיהרען פאר'ן נעקסטען יאָהר. — בר. 367, ל. אשענאָפּסקי, סעק.

הארציגסטע גראַטולאציאנען און בעסטע ברכות. זאָלען איי־ערע אונטערנעהמונגען זיין ער־אָלגרייך. — בר. 372 פילאדעלפיא.

נעהמט צו אונזערע ברידערליכע גערוסען פאר אן ערפאָלגריי־כער קאָנווענשאָן. — בר. 82, ניו יארק.

זאָלען אַלע אייערע אָנשטרענגונגען געקרוינט ווערען מיט ער־פאָלג! — בר. 386, אסקאר שניידערמאן, סעק.

מיר שיקען אונזערע בעסטע ווינשע פאר ערפאָלגרייכע אַרבייט אין אונזער 18־טער יעהרליכער קאָנווענשאָן. — בר. 391, י. גאָלד־מאַן, סעק., שיקאַגאָ.

מיר ווינשען אייך ערפאָלג אין אייער נוצליכער ארבייט און מיר וועלען זיין מיט אייך. — בר. 395, ראק איילענד.

די בעסטע גליקווינשע צו אייער 18טער קאָנווענשאָן פון אונזער אַרבייטער רינג! זאָל אייער גוטע ארבייט זיין ערפאָלגרייך! מיט די בעסטע ווינשע. — דער ס. פּ. ברענטש 413, ארב. רינג.

מיר ווינשען אייך פיעל סוקסעס אין אייער ארבייט צו דער 18־טער קאָנווענשאָן. — די יאַנג־מענס עדיוקיישאָנאל ליעג, שריוו־פּאָרט, לאַ., בר. 415 — ה. וויענגער, פּרעז. סעק.

נעהמט צו אונזערע הארציגסטע גראַטולאַציאָנען און אונזער וואונש פאַר ערפאָלג און הארמאָניע אין דער אַרבייט. — בר. 418, טאָראָנטא, י. שיף, סעק.

גליקווינשע צו דער 18טער קאָנווענשאָן פון ארב. רינג. זאָל דיעזע קאָנווענשאָן זיין די ערפאָלגרייכסטע פון אלע פריהערדיגע. — דוד עדעלשטאַדט בר. 450, דענווער, קאָלאָ.

מיר ווינשען אייך ערפאָלג אין אייער ארבייט און דריקען אויס אונזער וואונש, דאָס די נעקסטע קאָנווענשאָן זאָל געהאלטען ווערען אין נוארק, נ. דזש. — מינסקער בר. 451, נוארק.

גערוסען צו דער 18־טער יעהרליכער קאָנווענשאָן. מיר האָפען, דאָס ערפאָלג, הארמאָניע און פריהייט וועט הערשען צווישען די מיטגליעדער פון ארב. רינג. — קאראסטישעווער שלום־עליכם בר. 461, דעטראָיט.

בעסטע גראַטולאציאָנען צו דער 18טער קאָנווענשאָן און מיר ווינשען אייך 75 טויזענד גוטשטעהענדיגע מעמבערס צו דער נעקס־טער. — בר. 474 סאוטה בעטלעהעם, פּא.

פריינדע! מיר ווינשען אייך ערפאָלג און גראַטולירען אייך מיט דער 18־טער קאָנווענשאָן. אונזער וואונש איז, דאָס די נעקסטע קאָנווענשאָן זאָל זיין אין דעטראָיט. — בר. 480 דעטראָיט, מיש.

נעהמט צו אונזערע הארציגסטע גראטולאציאנען, איהר דעלע־גאַטען פון דער 18־טער קאָנווענשאָן. מיר ווינשען אייך ערפאָלג אין אייער ארבייט און האָפען דאָס איהר וועט אויפטון די בעסטע ארבייט וועלדיג אזא אויסערגעוועהנליכער און ערנסטער צייט. — בר. 483, סט. דזשאָזעף, מיזורי.

אונזערע בעסטע ווינשע און גראַטולאַציאָנען, אייך! — בר. 501 ניו יארק, יאַפּפע, סעק.

מיר ווינשען אייך ערפאָלג און באגריסען אייך אין אייער אר־בייט. — בר. 513, נאָרפאָלק, ווירדזשיניא.

די בעסטע ווינשע פאַר ערפאָלגרייכע ארבייט צו דער 18־טער קאָנווענשאָן. — בר. 519, שיקאַגאָ, אל. בלושטיין, סעק.

מיר בעגריסען אייך און גראַטולירען אייך אין אייער נאָבע־לער אַרבייט. זאָל הארמאָניע און דער וואונש פאַר גוטע אַרבייט בעגייסטערען אלע דעלעגאַטען. פון אונזער טיעפסטען הארצען דרי־קען מיר אויך אויס אונזער וואונש, דאָס די קאָנווענשאָן זאָל נעה־מען א פּאָזיטיווע שטעלונג אין דער פראַגע פון ארץ־ישראל און דער וואונש פון אידישען פּראָלעטאַריאַט צו האָבען אַ נאַציאָנאַלע היים אין אונזער לאַנד. הורא פאַר אַ פאַראייניגטע אידישע ארביי־טערשאַפט אין א נאַציאָנאַלער היים. זאָל לאַנג לעבען די 18־טע קאָנווענשאָן פון ארבייטער רינג! — די ברענטשעס 524 און 358 לואיסטאָן און העבראָן, מעין, ה. ה. גליק, סעק.

זאָל חכמה און ליעבע צו אונזער אָרגאַניזאציאָן באקרוינען אייער ארבייט! — בר. 537, וויל. סארום, טשערמאן.

מיר ווינשען אייך איינינקייט און ערפאָלג. — בר. 556 נוארק, ס. ד. דווארקין, סעק.

מיר ווינשען אייך צו קומען צו רעזולטאַטען, וואס זאָלען ברענ־גען נוצען אונזער גאנצער אָרגאַניזאציאָן. האָט אין דערזעלבער צייט אין זינען וועסטערען קענעדע און אויך, דאָס עס איז זעהר נויטיג צו פאַרבעסערען דעם „פריינד" אין ליטעראַרישען זין. — בר. 574, סאסקאטון, קענ., י. גאָלדענבערג, סעק.

הארציגע גערוסען אייך און די בעסטע ווינשע צו אייער 18־טער יעהרליכער קאָנווענשאָן. זאָל אייער יעצטיגע ארבייט נאָך זיין מעהר ערפאָלגרייך ווי אפילו די פריהערדיגע גוטע ארבייט. — מילו־נערי קלוב, בר. 600, ברוקלין, ס. מעדאָוו, סעק.

באגריסונג פון בר. 602, סטודיענקא, סעק.

הארציגע גערוסען צו די פּארטרעטער, וואס זיינען פּארזאַמעלט צוס וואהל און בעסטען פון דער מענשהייט. עס לעבע דער אַרביי־טער רינג! — אייער בייבי ברענטש 610, מאָנטיסעללא, נ. י.

הארציגע באגריסונג פון דעם ערשט אָרגאַניזירטען ברענטש א. ר. ליידיעס טיילארס און ווינשע פאר ערפאָלג. — ליידיס טיילארס בר., ב. חאַזאַנאָוו, טשערמאַן.

## פאַרשידענע אַרבייטער אינסטיטוציאָנען.

גערוסען און ווינשע פאר ערפאָלג. — בראָנזווילער לייבאר ליי־סעאום.

הארציגע גראַטולאַציאָנען צו אייער 18־טער קאָנווענשאָן. — נוארק קאָאָפּעריטיוו ליעג.

הארציגען גרוס צו דער קאָנווענשאָן פון א. ר. — בראָנזווילער און איסט ניו יארקער האָספּיטאַל.

אין דעם נאָמען פון 204 אלטע פּאַציענטען פון דער היים „יעקב'ס טעכטער" שיקען מיר אייך אונזער הארציגסטען גרוס און בעסט

ווינשע פאַר ערפאָלג אין אייער נאָבעלער אַרבייט. — „יעקב'ס טעכ־טערס היים", אַלבערט קרוגער, סופ.

אונזער האַרצליכסטע גרוסען צו אייער קאָנווענשאָן. מיר גראַטולירען אייך מיט אייער ערפאָלג און מיר גלויבען מיט'ן גאַנ־צען האַרצען דאָס די עלטערע שוועסטער אָרגאַניזאַציאָן וועט רייכען איהר שטיצענדע האַנד צו איהר אינגערע שוועסטער באַוועגונג, וואָס האָט אַלע אויסזיכטען צו ווערען מיט דער צייט אַ פּאָטענציעלער פאַקטאָר אין דער אידישער ארבייטער באַוועגונג. — פעדעראַציאָן פון די אידישע קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטען אין אַמעריקאַ, אהרן סטאַלינסקי, סעק.

די עקזעקוטיוו באַארד פון דער ווילאַמסבורגער לייבאָר לייסעאָום בעט אייך צו צונעהמען איהרע האַרצליכסטע גרוסען. אָב־וואָהל נאָך גאַנץ יונג, דאַרפענדיג פיהרען אַ קאַמפף פאַר'ן לעבען, פונדעסטוועגען זיינען מיר זיכער צו עררייכען אונזער ציעל און אויפבויען נאָך אַ טעמפּעל אין דער סביבה פון די גרויסע אידישע ארבייטער־מאַסען. אויב איהר דענקט עס איז אַ פּלאַן, גיט איבער אונזער נאָמען צו דער רעזאָלוציאָנס קאָמיטע. — ב. טיש. וואָלאַרעק, טשערמאַן, י. א. וועהיטהאָרן, טרעזשורער.

מיר גראַטולירען די 18טע קאָנווענשאָן, שעצענדיג אייער אַל־געמיינע וואונדערבאַרע ארבייט אין רעליעף און ספּעציעל די אַר־בייט פון אייער שיקאַגאָ'ער ברענטשעס. מיר האָפען דאָס דערזעל־בער גייסט וועט אַנהאַלטען אויך אויף ווייטער. — שיקאַגאָ'ער פּי־פּעלס רעליעף־קאָנפערענץ. — יורי, סעק.

זאָל אייער ערפאָלג אַלס די גרעסטע ארבייטער קאָאָפּעראַטיווע אינשורענס אָרגאַניזאַציאָן גיבען אייך נאָך מעהר מוט פאַר ווייטערע ערפאָלגען אויף דעם קאָאָפּעראַטיווען פעלד און ווינשען דאָס דער א. ר. זאָל איבערנעהמען די איינפיהרונג פון דער אידישער קאָ־אָפּעראַטיווער בעוועגונג אין אַמעריקאַ. — ניו יאָרק קאָאָפּעראַטיווער קרעדיט־יוניאָן.

די קרבנות פון דער הייניגער סיסטעם, די קאָנסאַמפּטיוו־קראַנ־קע, דאַנקען אייך פאַר דער הילפע, וואָס איהר האָט זיי געגעבען און ווינשען אייך אַ גיכע פאַרווירקליכונג פון אייערע אידעאַלען און פּרינציפּען, אין נאָמען פון דער עקזעקוטיוו באַארד. מיט גרוסען. — די אידישע קאָנסאַמפּטיוו רעליעף־אַסס'ן פון קאַליפאָרניא.

גערוסען און בעסטע ווינשע. מיר לאַדען אייך איין צו האַל־טען אייער נעקסטע קאָנווענשאָן אין אונזער פּראַכטפולען לייבאָר־לייסעאום, וואו מיר געהען עפענען נעקסטען זונטאַג. — ווײלער, סעק. לייבאָר עדיוקיישאָנאַל אַליִיענס פון האַרטפאָרד.

האַרצליכסטע גערוסען און בעסטע ווינשע צו אַלע דעלעגאַטען פון געליעבטען אָרדען. — דער לאָס אַנדזשעלעס סאַניטאַריום.

גערוסען צו די דעלעגאַטען פון דער ארבייטער רינג קאָנווענ־שאָן. די „טעגליכע וועלט" אין שיקאַגאָ האָפט, דאָס דער אַרבייטער רינג וועט ווערען שטאַרקער און רייכער און ווערען אַ מעכטיגע אָרגאַניזאַציאָן פון די אידישע ארבייטער. — מאָררים זיסקינד, מענעדזשער פון דער שיקאַגאָ'ער „טעגליכער וועלט."

האַרצליכע גערוסען אייך! מיר האָפען דאָס די 20־טע קאָנ־ווענשאָן וועט קענען אָבגעהאַלטען ווערען אין שיקאַגאָ אין אונזער אייגענעם לייבאָר לייסעאום. — ל. גאָלפער, טשערמאַן לייבאָר לייסעאום קאָם., שיקאַגאָ.

## באַגריסונגען פון איינציגע פריינד.

האַרצליכע גערוסען פון — ל. וואַגמאַן, נואַרק.

האַרצליכע גערוסען און בעסטע ווינשע. — מ. מ. ראַבינאָ־וויטש, נואַרק.

איך גראַטוליר אייך און ווינש אייך פיעל ערפאָלג. עס לעבע דער ארבייטער רינג! — טשאַרלז גראַווער, ליבערטי, נ. י.

האַרצליכע גערוסען אייך פון אַן עקס־בעאַמטען. — יעצט אַ סאָל־דאַט... — אייער, קלופּט.

פאַמיליען קראַנקהייט מאַכט אונמעגליך פאַר מיר צו זיין מיט אייך אויף דער קאָנווענשאָן. אָבער איך בין מיט אייך לייב און זעלע און ווינש דעם בעסטען ערפאָלג אין אייער אַרבייט. איך האָף, דאָס די 18טע קאָנווענשאָן וועט געבען דעם ריכטיגען ענטפער אויף אַלע שווערע פראַגען פון הייניגען טאָג, ווי עס פּאַסט פאַר אַ גרויסע רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציאָן. — מ. קאָהען, דעלעגאַט פון טרענטאָן, נ. דזש.

גערוסען און בעסטע ווינשע. איך בעדויער זעהר שטאַרק, וואָס איך קען דיעזען מאָל נישט אַן אנטייל נעהמען אין אייער ארבייט. זאָל לעבען דער „רינג" און ווערען מעכטיגער. — ס. זעכנאַוויץ.

בעסטע ווינשע. איך בין מיט אייך, לייב און זעלע. — י. ש. פּרעגנאַוויץ.

האַרצליכע גערוסען און בעסטע ווינשע פאַר ערפאָלג. — העררי טייטעלמאַן, פענסילווייניא מעמבער פון באַארד אָף דירעקטאָרס.

מיין האַרצליכען גרוס אייך, פריינדע. עס לעבע דער רינג! — ב. סלאַווין, ניו דזשערזי מעמבער פון באַארד אָוו דירעקטאָרס.

זאָלען אייערע פאַרהאַנדלונגען קרוינען זיך מיט ערפאָלג און טראַגט אייך אויף ווייטער הויך און ריין די ארבייטער פאָהנע. — דזשאָזעף א. וועהיטהאָרן.

האַרצליכסטע גרוסען און ווינשע פאַר ערפאָלג. — אייב העק, סעק., נואַרק.

האַרצליכסטע גערוסען צו אַלע דעלעגאַטען. זאָל אייער ארבייט קרוינען זיך מיט גרויס ערפאָלג. — לואיס א. גאָלדבערג.

האַרצליכסטען גרוס און וואונש דאָס אייער גוטע ארבייט וועט פאָרטגעזעצט ווערען. — דזשוליוס סיעלפאַן, מעמבער בר. 488.

זאָל די קאָנווענשאָן זיין אַן ערפאָלג און בעשטימען די פּאַלעס־טינא פראַגע. — סעם בערנבוים.

האַרצליכסטע גראַטולאַציאָנען און די בעסטע ווינשע צו אַלע קאָמיטעס און דעלעגאַטען. אייער — בערים פינגערהוט.

באַטש עס איז אונמעגליך פאַר מיר אנוועזענד צו זיין אויף דער קאָנווענשאָן קען איך אייך אָבער פאַרזיכערען, דאָס איך בין האַרץ און זעל מיט אייך. איך בין גרייט מיט אייך צו ארבייטען אין אַלע אייערע געפּלאַנטע אונטערנעהמונגען. — מ. לעווינסאָן, פילאַדעלפיא.

ווינשענדיג אייך ערפאָלג אין דער 18־טער קאָנווענשאָן, ווינש איך אייך מיר זאָלען דערלעבען די פופציגסטע קאָנווענשאָן.

גערוסען צו דער 18־טער יעהרליכער קאָנווענשאָן. מיר ווינשען אייך ערפאָלג אין אייערע פאַרהאַנדלונגען. — מ. מאַלאַט, ג. מעץ, דר. ס. סילווערבערג, און ל. פּלאַשענבערג.

איך ווינש אייך אַ רוהיגע קאָנווענשאָן, אָהנע צווויסטיגקייטען. — י. הילמאַן.

בעסטע ווינשע און אַ צווייענדיגע מעמבערשיפּ צו דער נעקסטער קאָנווענשאָן. — ה. יאַנאָווסקי, קאָנעקטיקוט דירעקטאָר.

מיינע בעסטע ווינשע פאַר אַן ערפאָלגרייכער קאָנווענשאָן. — י. א. נאַפּאָלעאָן.

זאָל אייער ארבייט אין דער קאָנווענשאָן זיין פון שטענדיגען ווערט, העלפענדיג אויף ווייטער צו בויען אונזער טייערען אָרדען. אימער אונזער ארבייטער־רינג גינציג — א מעמבער דערצו פון בר. יין און נײנציג. — טשאַרלז באננער.

די פּאציענטען פון סאַניטאריום דריקען אויס זייער האַרצליכסטע ווינשע צו דער 18־טער קאָנווענשאָן און האָפּען, דאָס איינינקייט און האַרמאָניע וועט הערשען אין די רייהען פון די דעלעגאַטען און זיי וועלען האנדלען אין איינקלאנג מיט דער עהרע און גייסט פון אונזער אָרגאַניזאציאָן. מיר האָפּען אויך, דאָס איהר וועט זיך צו הערען צו אונזער ביטע, וואס מיר האָבען ארויסגעשיקט נישט לאנג צו די ברענטשעס און צו דעם ספּעציעלען אַפּיעל צו דער קאָנווענשאָן, וואס מיר שיקען בעזונדער אין א ספּעשעל דעליווערי. מיר גלויבען דאָס איהר וועט זעהן צו פערזארגען אונזערע פּאַציענטען, דאָס זיי זאָלען פאָלשטענדיג געזונד ווערען. דאָס וועט בעציערען די אָרגאַניזאציאָן אלס גאנצע און דעם סאַניטאריום ספּעציעל. מיר ווינשען ערפאלג אייך אין אלע אייערע אונטערנעהמונגען און מיר פאַרבלייבען טרייע מעמבערס צו אונזער בעליעבטער ארגאניזאציאן.— די פּאַציענטען פון דעם ארב. רינג סאַניטאריום.

## אונזערע ברענטשעס אין דער רעליעף־אַרבייט.

בר. 342, גלען־פאָלס. — קאָלעקטעט אויף א ברית ביי פר. מ. אלקוס, $16.55.

בר. ריטשמאָנד, פּיפּעלס־רעליעף. — קאָלעקטעט ווי פאָלגט: — פון א באָל $100; ביי א ברית ביי מר. און מרס. האפּט (דורך מרס. גאָלדבערג) $15.05; ביי א ברית ביי מר. און מרס. קאטלער (דורך א. טורעצקי) $16. — ס"ה ריטשמאָנד: $131.05. פאָלגענדע האָבען זיך ספּעציעל אויסגעצייכענט אין זייערע אָנשטרענגונגען פאַר דעם סוקסעס פון באָל: א. טורעצקי, י. קליינמאַן, א. פריעדמאַן, מ. בראון, מרס. ד. גאָלדבערג, מרס. מ ליאָן, מרס. מ. קאזלאוו, מרס. א. טורעצקי און מר. מ. זאסלאווסקי אלס מענעדזשער.

ברענטשעס 118 און 544, אויך ס. פּ. ברענטש פון יוטיקא, מיט דער הילף פון דעם דראמאטיק־קלאָב. — געבליבען בראָפּיט פון דער אונטערנעהמונג, $150.

בר. 415, א. ר., שריוופּאָרט, לואיזיאַנאַ. — פון א ראַפּעל פון אַ סעט ביכער וואס פר. לייזער לעווין האָט געגעבען פאר די מלחמה ליידענדע, $84.65.

בר. 263, פּאָרטלאנד, אָרעגאָן. — פּעקעדזש און דענסינג פּאַרטי, $150.

בר. 483, סט. דזשאָזעף, מיזורי, פון א טעאַטער־פאָרשטעלונג און דורך די ענערגישע ארבייט פון מרס. פישביין, מרס. גערטלער און מרס. דזשאָזעף אגראנאווסקי $165.

בר. 315, באָראָ פּאַרק, ברוקלין, דורך א קאָנצערט און באַזאַר, $154.65.

## רעפּאָרט פון מינעאַפּאָליס באָל פאר מלחמה קרבנות.

אייןנאהמע ביי דער טיר 41.82ד; פאר טיקעטס קאָלעקטעט פון מעמבערס 34.22ד; פרויען אָקזילערי א. ר., פאר טיקעטס 75ד; פרויען אקזילערי דורך לינא סטאַק 9.57ד; טאָטאַל 160.61 דאָלאר.

פערשיעדענע אייננאַהמען: טשעקינג רום 27.80ד; סטאַטוע געראַפּעלט 13.70ד; קאָלעקטעד דורך מאסקירטע: מרס. ביאל 2.17ד; ברודער ארנאלדאוו 4.13ד; מרס. טארטשינסקי 97ס; מיס גאָלד 87ס; אייננאהמע פון דער באַר 30.31ד; דזש. נאַכאַמקען דאָניישאָן וואָס ער האָט געקראגען פאר גרימירען דאָרא טונעק, וועלכע האָט געוואונען דעם דריטען פּרייז 3ד; צוזאמען 82.95ד; גרענד טאָטאל 243.56 דאָלאר.

אויסגאבען: האָל רענט 20ד; פּרינטינג 15ד; באַר 18.95ד; האָל דזשעניטאָר 1ד; מיוזיק 15.50ד; באַר טשעקס 25ס, סטאַטוע 2.75ד; צוזאמען 73.45. ריינער פּראָפיט 170.11 דאָלאר.

די דיסטריקט אָרגאַניזאציאנס קאָמיטע דריקט אויס איהר האַרצליכען דאנק און אַנערקענונג צו דער פרויען אָקזילערי פון א. ר. אָהן זייער שווערער אַרבייט וואָלט דער באָל געווען א פּראקטישע אונמעגליכקייט. חוץ דעם וואס זיי האָבען פאַרקויפט גענויע צוויי דריטעל טיקעטס האָבען זיי אויך צופריעדענגעשטעלט די אנוועזענדע מיט די אמת ווערטפולע פּרייזען וואס זיי האָבען געקראגען אין די גרויסע סטאָרס. מיט איין וואָרט, א דאנק זיי וועט דיעזע אונטערנעהמונג פערבלייבען א היסטאָרישע אנדענקונג אין מינעאַפּאָליס. עס איז וויכטיג צו בעמערקען, דאָס די פרויען אקזילערי איז אַ רעאַגירענדער פּאַקטאָר אין מינעאפאליס'ער געזעלשאפטליכען לעבען. זי נעהמט אַ שטעלונג צו יעדער פראגע וואס דאָס לעבען ברענגט טעגליך ארויף אויף דער ארבייטער גאס. עס איז צו האָפּען אז אין דעם קומענדען קאמפּיין וועט זי זיך צייגען אין איהר גלאנץ

ליב לאקרעץ, סעק. דיסט. קאָם.

## בעריכט פון נאָמינײשאָן קאָנפערענץ פאר אַן עקזעקוטיוו.

פר. עפּשטיין, טשערמאַן פון דער נאַצ. עקזעקוטיווע פון אַרבייטער רינג. ערעפענט דעם נאָמינײשאָן קאָנפערענץ פאַר אַן עקזעקוטיוו פון אַרבייטער רינג, דעם 17־טען פעב. אום 10 אוהר מאָרגענס,

ער ערקלערט דאָס דיזען יאהר זיינען די וואהלען אנדערש ווי אלע יאָהר. ווייל אַלע יאָהר פלעגט מען נאָמינירען די מעמבערס אין פערשידענע דעפּארטמענט קאָמיטעס, היי־יאהר אָבער, וועט מען דארפען נאָמינירען 60 מעמבערס פאַר איין גאַנצע עקזעקוטיווע קאָמיטע און נאָכהער ביים אינסטאָלירען וועלען זיך די דרייסיג ערוועהלטע פאַנאַנדער טיילען אין פערשיעדענע קאָמיטעס.

ער ערקלערט אויך, דאָס דיעזען יאָהר איז צוליעב די צושטענדע אין לאַנד, געווען אַ יאָהר פון שווערער אַרבייט פאַר דער עקזעקוטיווע קאָמיטע און ער פאָדערט אויף אַלע קאַנדידאַטען דאָס זיי וועלען דאַרפען אַוועקגעבען א סך פון זייער צייט און ענערגיע אום צו מאַכען דעם קומענדען יאָהר פאר אַן ערפאָלג.

ער נעהמט פאָר נאָמינײשאָנס פאַר אָפיסערס פון קאָנפערענץ און פאָלגענדע פריינדע ווערען אַלס אָפיסערס פון קאָנפערענץ ערוועהלט: אַלס טשערמאַן פר. טייטעלבוים בר.265, וויים טשערמאַן פר. דינערשטיין בר. 99, אַלס סעקרעטערע: די פריינדע ל. גינזבורג בר. 1 און פר. בעצאָהלער בר. 42, אַלס קרעדענשעל קאָמיטע: די פריינדע וואָלבערג בר. 82, העק בר. 107, קויפמאַן בר. 72, סיגעל בר. 162 און פּערלשטיין בר. 597.

די' קרעדענשעל קאָמיטע בעריכטעט דורך פר. וואָלבערג, דאָס עס זיינען פערטראָטען 149 ברענטשעס דורך 219 דעלעגאַטען. די עקזעקוטיוו איז פערטראָטען דורך פר. אב. עפּשטיין, אַדלער און ל. דינערשטיין, זיי רעקאָמענדירען אַלעמען צוצולאָזען. די רעקאָמענדײשאָן ו.ערט אָנגענומען.

דער טשערמאַן לעזט פאר די נעמען פון אלע נאָמינירטע קאַנדידאַטען. עס ווערט געמאַכט איניגע אָבזשעקשאָנס, וועלכע ווערען אויך בעאנטוואָרט. דערמיט ווערט די ערשטע זיצונג געשלאָסען.

די צווייטע זיצונג ווערט ערעפענט אום 2 אוהר נ. מ. אַלס טשערמאָן איז ערוועהלט פריינד גוסקין, בר. 206, אַלס וויים טשערמאַן פר. אַלבערט בר. 15. ערוועהלט די פריינדע נאָדעלמאַן בר. 275, פּייגעלסאָן בר. 367, ר. גינזבורג, בר. 2, מינדלין בר. 107 און עבערול בר. 846 אַלס טעלער קאָמיטע צו צעהלען די באַלאָטס.

בעשלאָסען צו שיקען אַ בעגריסונגס טעלעגראַמע צו דער ערעפענונג פון לייבאָר לייסעאום אין הארטפארד, קאָנ.

די צעהלער קאָמיטע טיילט אויס די באַלאָטס צו אַלע דעלעגאַטען און נאָכהער ווי אַלע באַלאָטס ווערען אריינגעוואָרפען אין באַלאָט באָקס דורך אַ ראָל־קאָל. ווערט דער נאָמינײשאָן קאָנפערענץ געשלאָסען.

ל. בעצאָהלער, בר. 42

ל. גינזבורג, בר. 1,

סעקרעטערע פון קאָנפערענץ.

## אבשיעדס אָבענד פיר איין מעמבער פון דער נ. י. אָרג. קאָמיטע.

דיעסנטאג, דעם 21טען מאַי, איז געגעבען געוואָרען איין אַבשיעדסאָבענד צו פריינד א. גאָטליעב פון דער ניו יאָרק אָרגאַניזיישאָן קאָמיטע, וועלכער איז געדרעפטעט געוואָרען אין דער אַרמעע. ביי פאַרשיעדענע רעדעס איז אויסגעדריקט געוואָרען דער געדאַנק, אַזוי ווי פריינד גאָטליעב ווערט יעצט גערופען צו ערפילען זיינע בירגערליכע פליכטען, ווינשען מיר איהם ער זאל פאָהרען געזונד און קומען צוריק געזונד.

ניו יאָרק אָרגאַניזאַציאָנס קמיטע, א. ר.

א. לאַנגער, סעקרעטער.

## פערגלייכונג פון די סאַניטאַריום אויסגאַבען פאר די יאהרען 1916 און 1917.

| | 1916 | 1917 |
|---|---|---|
| **פערוואלטונג:** | | |
| סאלאריעס | $1,020.81 | $1,153.92 |
| טעלעפאָן און טעלעגראַף | 119.03 | 227.77 |
| אמיוזמענטס און עדיוקיישאָן | 149.21 | 97.24 |
| פערשיעדענעס | 230.42 | 89.25 |
| פיר פרעזענטען צום נייעם יאהר | | 71.00 |
| העלפ | | 43.75 |
| סטיישאָנערי, פאָסטיידזש, פרינטינג און אדווערטייזמענטס | 238.29 | 270.29 |
| טאָטאל | $1,757.76 | $1,953.22 |
| **מעדיצינישע:** | | |
| סאלאַריעס | $4,117.34 | $4,968.19 |
| געהאלט פון וויזיטינג פיזישאָן | 500.00 | 500.00 |
| דראָגס און מעדיקאל סופלייס | 402.60 | 1,172.07 |
| גאוז | 294.96 | 664.87 |
| טערמאָמעטערס | 116.88 | 120.94 |
| עקס־רעי סופלייס | 166.10 | 583.90 |
| שפיי קעסטלעך | 63.48 | 89.09 |
| באָטעלס | ——— | 2.52 |
| סטיישאָנערי | 166.53 | 32.10 |
| פערשיעדענעס | ——— | 33.99 |
| טאָטאל | $5,827.89 | $8,168.67 |
| **דעפארטמענט אויסגאבען:** | | |
| הויז אויפהאַלטונג: | | |
| סאלאריעס | $2,393.61 | $3,248.76 |
| סופלייס | 1,061.19 | 1,513.26 |
| לינען | 209.63 | 550.30 |
| בלענקעטס | 139.79 | 1,044.71 |
| קאוטס פאר ווייטערס | ——— | 31.20 |
| פערשיעדענעס | 146.19 | 170.16 |
| טאָטאל | $3,950.41 | $6,558.39 |
| **קיטשען** | | |
| סאלאריעס | 1,384.25 | 1,968.34 |
| סופלייס | 100.39 | 133.98 |
| טאָטאל | 1,484.64 | 2,102.32 |
| **לאָונדרי:** | | |
| סאלאַריעס | $625.42 | $819.48 |
| סופלייס | 123.89 | 262.49 |
| בעלטינג | ——— | 24.60 |
| טאָטאל | $749.31 | $1,106.57 |
| גרענד טאָטאל | $6,184.36 | $9,767.28 |
| **שפייז:** | | |
| ברויט | $1,035.47 | $1,851.72 |
| מילך, קריעס און פוטער | 5,746.46 | 8,748.14 |
| אייער | 3,405.34 | 5,841.26 |
| פלייש, פיש און הערינג | 2,732.24 | 4,470.14 |
| טשיקען | 2,996.41 | 5,267.41 |
| פרוכט און גרינסען | 2,780.00 | 4,644.46 |
| גראָסעריעס | 1,975.99 | 3,884.93 |
| ליקאר | ——— | 17.75 |
| טאָטאל | $20,671.91 | $34,725.81 |

| | 1916 | 1917 |
|---|---|---|
| **אלגעמיינע הויז און בילדינג אויסגאַבען:** | | |
| עלעק. בעלויכטונג, פאַור און פיקסינג | $1,350.62 | $1,717.81 |
| אינשורענס | 514.75 | 1,043.25 |
| טעקסעס | 251.15 | 141.22 |
| קויהלען | 3,196.67 | 3,688.62 |
| אייז | 166.58 | 100.00 |
| טאָטאל | $5,749.77 | $6,090.90 |
| **ריעל עסטייט און בילדינג אויסגאַבען** | | |
| סאלאַריעס | $628.01 | $1,224.30 |
| ריפיירס | 171.63 | 435.16 |
| אויסבעסערונג פון די גראונדס און פעלד | 106.42 | 296.20 |
| פיינטינג | 171.42 | 1,477.17 |
| סופלייס | 267.48 | 83.65 |
| טאָטאל | $1,444.96 | $3.516.48 |
| **אויסגאַבע פאר מאשינערי און געצייג:** | | |
| סאַלאַריעס | $716.27 | $668.62 |
| סופלייס און ריפיירס | 172.07 | 11.50 |
| פלומבינג | 102.95 | 288.00 |
| טאָטאל | $991.29 | $968.12 |
| **סטייבל:** | | |
| סאלאריעס | $351.75 | $292.31 |
| שפייז פאר די פערד | 966.02 | 1,445.83 |
| ריפיירס און סופלייס | 257.33 | 411.74 |
| ליווערי | 228.00 | 287.00 |
| לייסענס פאר די קאַר | ——— | 2.50 |
| טאָטאל | $1,803.10 | $2,439.38 |
| טאָטאל | $9,719.12 | $13,614.88 |
| אומגעקעהרטע קעש | 10.97 | |
| גרענד טאָטאל | $9,708.15 | $13,614.88 |
| **פאַרם אויפהאַלטונג:** | | |
| סאלארים | ——— | 402.92 |
| סופלייס | ——— | 64.50 |
| זריעה | ——— | 151.50 |
| קאַלך | ——— | 284.74 |
| בעמיסטיגונג | ——— | 87.89 |
| טאָטאל | ——— | $991.55 |
| אינקאָם פון פאַרם פראָדוקטען | ——— | $378.96 |
| דעפיציט | $315.75 | $612.59 |
| **סאנאַטאריום קאָמיטע:** | | |
| קאָמיטע אויסגאבע | $182.34 | $147.27 |
| רעקאָרדינג סעקרעטער, סאלאַרי | 173.42 | 216.61 |
| סובסקריפשאָן, „נייע וועלט" און „קאָלל" | | 16.50 |
| קאָמיטעס צייט פערלוסט | 57.90 | 46.50 |
| רייללראוד פעיר (צו און פון סאַניטאַריום, פון מעדיקאל אדווייזערי-באָארד, פון וויזיטינג פיזישאָן, פון קאָמיטעס, א. ד. ג.) | 733.34 | 803.14 |
| טאָטאל | $1,147.00 | $1,224.02 |
| דעפרעשיאיישאָן 10% | $1,457.79 | $1,622.69 |
| סעטעלמענט פון זוסקינד קייס | ——— | 800.80 |
| טאָטאל | $1,457.79 | $2,423.49 |
| גרענד טאָטאל | $47,070.61 | $72,488.96 |

פערגלייכונג פון דורכשניטליכע טעגליכע אויסגאבען פאר יעדען פאציענט פער טאג פאר די יאהרען 1916 און 1917

| | אויסגאבען פאר יעדען טאג 1916 סומע | 1916 % | 1917 סומע | 1917 % | טעגליכע אויסגאבען פער פאציענט 1916 סומע | 1917 סומע | טעגליכע אויסגאבען פערגרעסערט אין 1917 סומע | % | טעגליכע אויסגאבען פערקלענערט אין 1917 סומע | % |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| פערוואלטונג | $4.81 | 3.8 | $5.36 | 2.7 | $.102 | $.083 | — | — | $.019 | 18.6 |
| מעדיצינישע | 15.95 | 12.4 | 22.26 | 11.5 | .338 | .344 | $.006 | 1.8 | — | — |
| הויז אויפהאלטונג | 16.96 | 13.2 | 26.76 | 13.3 | .358 | .412 | .054 | 15.1 | — | — |
| הויז, בילדונג אויסגאבען | 25.96 | 20.2 | 37.30 | 18.7 | .549 | .575 | .026 | 2.1 | — | — |
| פארם אויפהאלטונג | .86 | .7 | 1.68 | .9 | .018 | .026 | .008 | 44.5 | — | — |
| סאנאטאריום קאמיטע | 31.4 | 2.4 | 3.36 | 1.7 | .066 | .052 | — | — | .014 | 4.6 |
| דעפרעשיאייישאן | 3.99 | 3.2 | 6.65 | 3.3 | .084 | .102 | .018 | 2.1 | — | — |
| שפייז | 56.34 | 44.0 | 95.14 | 47.9 | 1.193 | 1.467 | .274 | 22.9 | — | — |
| טאטאל | 128.01 | 100.00 | 198.21 | 100.00 | 2.730 | 3.057 | .386 | | .033 | |

פערגלייכונג פון די שפייז אויסגאבען פון די יאהרען 1916 און 1917.

| | אויסגאבען 1916 סומע | אויסגאבען 1917 סומע | טעגליכע אויסגאבען פאר יעדען פאציענט 1916 סומע | 1917 סומע | טעגליכע אויסגאבען פער פאציענט פערגרעסערט אין 1917 סומע | % | פערגרעסערונג פון די פרייזען לויט די טעגליכע אויסגאבען פער פאציענט % |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| ברויט | $1.035.47 | $1,851.72 | $.060 | $.076 | $.016 | 1.3 | 26.7 |
| מילך, קריעם און פוטער | 5,746.46 | 8,748.14 | .332 | .374 | .042 | 3.5 | 12.6 |
| אייער | 3,405.34 | 5,841.26 | .197 | .250 | .053 | 4.4 | 26.9 |
| פלייש, פיש און הערינג | 2,732.24 | 4,470.14 | .157 | .191 | .034 | 2.8 | 21.7 |
| טשיקען | 2,996.41 | 5,267.41 | .172 | .225 | .053 | 4.4 | 30.8 |
| פרוכט און גרינסען | 2,780.00 | 4,644.46 | .162 | .198 | .036 | 3.0 | 22.2 |
| גראסעריעס | 1,975.99 | 3,884.93 | .118 | .166 | .048 | 4.0 | 40.7 |
| ליקאר | | 17.75 | | | | | |
| טאטאל | 20,671.91 | 34,725.81 | 1.198 | 1.480 | .282 | 23.4 | |

פאציענטען פער טאג:
1916 — — — — 47.2
1917 — — — — 64.8

בעמערקונג.

אין דיעזע טאבעלען פון סאניטאריום קאמיטע רעפארט (אין „פריינד" פון מאי, 1918) זיינען לײדער דורכגעלאזען געווארען אזעלכע אונפערצייליכע פעהלערן, אז מיר נעפינען פאר נויטיג זיי איבערצודרוקען אין א קארעגירטע פארמע.

# זיצונגען פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו קאָמיטע א. ר.

אַ רעגולער און ספּעשעל מיטינג פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע ווערט אָבגעהאַלטען מיטוואָך אַבענד, דעם 15טען מאַי, מיט פריינד אב. עפּשטיין אַלס טשערמאַן.

צושריפטען. — פון פיפעלס רעליעף קאָמיטע. — לאַדען איין דעם אַרבייטער רינג צו שיקען איין דעלעגאַט צו זייער קאָנווענשאָן, וואָס וועט אָפּגעהאַלטען ווערען אין קליוולאַנד, דעם 30טען און 31טען מאַי און 1טען און 2טען דזשון. בעשלאָסען אָנצונעהמען די איינלאַדונג. אַלס דעלעגאַט צו דער פיפעלס רעליעף קאָנווענשאָן ווערט ערוועהלט פריינד אב. עפּשטיין. עס ווערט בעשטימט, אַז אונזער דעלעגאַט זאָל ביי דער קאָנווענשאָן פון פיפעלס רעליעף איבערגעבען אַ טשעק אויף די געלדער וואָס דער אַרבייטער רינג האָט געקליבען פאַר די אידישע מלחמה קרבנות. צוזאַמען מיט דעם טשעק זאָל איבערגעגעבען ווערען אַ ליסט פון די פּלעצער וואוהין די געלדער זאָל איבערגעשיקט ווערען.

* * *

פון ברענטש 198, האָבאָקען, נ. דזש. — לאַדען איין אַ פאַרטרעטער צו זייער 10טען יעהרליכען יובילעאום וואָס וועט געפייערט ווערען זונטאג, דעם 26טען מאַי. — בעשליסען אָננעהמען די איינלאַדונג. אַלס פאַרטרעטער ווערט ערוועהלט פר. פריימאַן.

* * *

עס ווערט בעשלאָסען, אַז די אינסטאָלליישאָן פון דער נייערוועהלטער עקזעקוטיוו קאָמיטע זאָל אָבגעהאַלטען ווערען מיטוואָך אַבענד, דעם 22טען מאַי, אין עקזעקוטיוו רום פון דזשענעראַל אָפיס.

עס איז אויפגעהויבען געוואָרען די פראַגע צו עס זאָל אַריינגעבראַכט ווערען אַ רעקאָמענדאַציאָן צו דער אינסטאָלליישאָן פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו פון וויפיעל פערזאָן יעדע דעפּאַרטמענט זאָל בעשטעהן. ווייל לויט די נייע קאָנסטיטושאָן דאַרף די עקזעקוטיוו בעשטעהען פון זעקס קאָמיטעס, אָבער וויפיעל פערזאָן עס זאָלען זיין אין יעדע קאָמיטע ווערט אין דער קאָנסטיטושאָן ניט דערמאָנט, און די עקזעקוטיוו אַליין דאַרף וועגען דעם בעשטימען. די פראַגע רופט ארויס אַ קורצע דעבאַטע, אין וועלכע עס בעטייליגען זיך פיעלע מיטגליעדער פון דער עקזעקוטיווע. דער סענטימענט איז צו רעקאָמענדירען צו דער אינסטאָלליישאָן, אַז יעדע דעפּאַרטמענט קאָמיטע זאָל בעשטעהן פון פינף פערזאָן, ווי עס האָט געלויטעט די אַלטע קאָנסטיטושאָן.

* * *

פריינד י. ב. ביילין ווערט פאָרגעשטעלט פאַר דער עקזעקוטיוו אַלס דער אָנגעשטעלטער סעקרעטער פון דער נאַציאָנאַלער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע און רעדאַקטאָר פון „פריינד”.

דער טשערמאַן, פריינד עפּשטיין, בעט פריינד ביילין צו בעזוכען די מיטינגען פון די קאָמיטעס, כדי זיך נעהנטער צו בעקענען מיט זייער אַרבייט. ער זאָגט, אַז פריינד ביילין דאַרף זיך פיהלען אַלס אַן אָנגעשטעלטער ניט בלויז פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע, נאָר פון דער גאַנצער עקזעקוטיווע.

* * *

פריינד באַסקין, דזשענעראַל סעקרעטער, בעריכטעט, אַז עס איז ערהאַלטען געוואָרען אַ טעלעגראַמע פון מר. עלדרידזש, דעם עקטשועריס, דאָס די פראַטוירנאַל רייטס וואָס זיינען אָנגענומען געוואָרען, גיבען דעם אַרבייטער רינג 97 פּראָצענט פון דער גאַנצער סומע וואָס ער האָט אינשורענס. ער זאָגט, אַז אַזוי שנעל ווי מר. עלדרידזש וועט פאַרטיג ווערען מיט דעם וועליוּאיישאָן רעכאָרט פאַר'ן יאָהר 1917, וועט די קומענדע פּערוועל־

טונג קענען אָננעהמען מיטלען צו מאַכען דעם אַרבייטער רינג ליגאַל אין פיעלע סטייטס, וואו ער האָט פריהער קיין טשאַרטער ניט געהאַט.

פריינד באַסקין ערקלערט, אַז די פּראָטאָקאָל ביכער צוזאַמען מיט דעם שרייב־געצייג און אַנדערע זאַכען וואָס זיינען ארויסגעשיקט געוואָרען אין פּיטסבורג זיינען, וואַרשיינליך, ביי דער עקספּרעס קאָמפּאַני פאַרלוירען געגאַנגען. אויב דאָס האָט פאַרשאַפט געוויסע אומאַנגענעהמליכקייטען ביי דער קאָנווענשאָן, איז עס אָבער זיכער ניט די שולד פון דזשענעראַל אָפיס.

* * *

פריינד אב. עפּשטיין בעריכטעט, אַז ער האָט פאַרטראָטען די נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע ביי דער קאָנווענשאָן. די דעלעגאַטען צו דער 18טער קאָנווענשאָן האָבען מיט אויפמערקזאַמקייט אויסגעהערט די רעפּאָרטס פון די פאַרשיעדענע דעפּאַרטמענט־קאָמיטעס און פון דער גאַנצער עקזעקוטיווע און ערנסט זיך בעצויגען צו אַלע פראַגען, וואָס זיינען ביי דער קאָנווענשאָן אויפגעהויבען געוואָרען. די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו קאָמיטע האָט אין אַלגעמיין געקראָגען אַנערקענונג פאַר די פרוכטבאַרע און נוצליכע אַרבייט, וואָס איז אין פאַרלויף פון יאָהר אויפגעטון געוואָרען.

פריינד עפּשטיין דייטעט אָן, אַז דער „פאָרווערטס” האָט אָפּגעגעבען ווענינג פּלאַץ פאַר דער אַרבייטער רינג קאָנווענשאָן.

עס ווערט בעשלאָסען צו שיקען אַ קאָמיטע צום „פאָרווערטס” און ציהען דערצו זייער אויפמערקזאַמקייט. אין דער קאָמיטע ווערען ערוועהלט פריינדע גוסקין און עפּשטיין.

## אינסטאָלליישאָן פון ניי־ערוועהלטער עקזעקוטיוו קאָמיטע.

די אינסטאָלליישאָן פון דער ניי־ערוועהלטער עקזעקוטיוו קאָמיטע פאַר'ן יאהר 1918־19 ווערט אָפּגעהאַלטען מיטוואָך אבענד, דעם 22טען מאַי.

דער פּראָטאָקאָל פון לעצטען מיטינג ווערט פארגעלעזען און גוטגעהייסען.

עס ווערט געמאַכט „ראָלל קאָלל”. אויסער פר. וואלבערג, וועלכער איז ביי דער קאָנווענשאָן פון דער אינטערנייישאָנאַל ליידיס גאַרמענט וואירקערס אַלס דעלעגאַט, און פר. שפייער, וועלכער איז אויסער ניו יאָרק, זיינען אַלע אנוועזענד.

צושריפטען.

פון בר. 47, עליזאבעטה, נ. דזש. — לאַדען איין צו שיקען א פערטרעטער צו דער ערעפענונג פון זייער סעמעטערי, דאָנערשטאג, דעם 30טען מאַי (דעקאָריישאָן דעי). בעשלאָסען אָננעהמען זייער איינלאַדונג. אַלס פערטרעטער ווערט ערוועהלט פר. יעלין.

אַ טעלעגראַמע פון פר. וואַלבערג. — ער דריקט אויס א בעדויערונג וואס ער קען ניט אנוועזענד זיין ביי דער אינסטאָלליישאָן און ער ווינשט דער נייער עקזעקוטיוו ערפאלג אין איהר ארבייט.

פון פר. מ. מינדלין, מיטגליעד פון דער פריהערדיגער עקזעקוטיווע — ער שרייבט, אז צוליעב דעם טויט פון זיין פרוי איז פאר איהם אונמעגליך צו קומען צו דער אינסטאָלליישאָן. ער בעדאַנקט די מיטגליעדער פון דער פריהערדיגער עקזעקוטיוו פאר די פריינדליכע און האַרמאָנישע בעציהונגען און דריקט אויס א וואונש, אז די נייע פערוואלטונג וועט זיין ערפאָלגרייך אין איהרע אונטערנעהמונגען, ניט קוקענדיג אויף דער אוננאָרמאַלער צייט אין וועלכער זיי וועט אויסקומען צו אַרבייטען. — עס ווערט בעשלאָסען צו שיקען צו איהם אַ טרייסט־בריעף אין נאָמען פון דער עקזעקוטיווע.

פר. אב. עפשטיין ערקלערט, אז עס זיינען ארויסגעשיקט געווארען בעגריסונגס טעלעגראמעס צו די קאָנווענשאָנס פון די אמאלגאמייטעד קלאָדינג וואָירקערס און די אינטערנײשאָנאל לײדיס גארמענט װאָירקערס. ער דערמאָנט אויך, אז דער עקטשוערי, מר. עלדרידזש, האָט לעצטענס געלאָזט וויסען, דאס לויט א נזער וואליואיישאָן ריעפּארט האָבען מיר 99.52 פּראצענט פון דער גאנצער סומע אינשורענס. פר. עפשטיין גיט דאָן איבער די טשער צום רזשענעראל סעקרעטער, פר. י. באסקין.

---

פר. באסקין בעגריסט די מיטגליערער פון דער נייער עקזעקוטיוו. ער זאָגט צווישען אנדערעם: „די היינטיגע עקזעקוטיוו קאָמיטע איז אייגענטליך מזל'דיגער ווי די פריהערינגע. לעצטען יאהר האָט די עקזעקוטיווע געהאט פאר זיך די פּראָבלעם פון דורכפיהרען פראטווירנאל רייטס, אויסער די אלגעמיינע אָרגאניזאציאָנס ארבייט און די טעטיגקייט וואס איז געווען פערבונדען מיט שאפען דעם 25 טויזענד דאלאר פאָנד פאר די אידישע מלחמה קרבנות. דיעזען יאָהר איז די רעפארמע פון פראטווירנאל רייטס שוין איינגעפיהרט געווארען. די אלגעמיינע טעטיגקייט פון ארב. רינג אויף דעם געזעלשאפטליכען און קולטורעלען געביט בלייבט אבער אונענדליך און אונבעגרענעצט, און די מיטגליעדער פון דער היינטיגער עקזעקוטיווע וועלען זיכער אָפּגעבען דאָס בעסטע פון זייערע פעהיגקייטען, כדי צו העלפען מאכען דעם ארב. רינג נאָך פּאָפּולערער און איינפלייסרייכער, ווי ער איז. איינער פון די וויכטיגסטע אויפגאבען פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיווע וועט דיזען יאהר זיין צו זעהן אָנווענדען אלע נויטיגע מיטלען, אז אונזער ארגאניזאציאן זאָל קענען געשטארטערעט ווערען אין אלע שטאאטען פון אמעריקא און קאנאדע."

פר. באסקין בעדאנקט די מיטגליעדער פון דער פריהערדיגער עקזעקוטיווע פאר די איבערגעבענהייט און הארמאָני וואס זיי האָבען ארויסגעצייגט אין יעדע ארבייט אין פערלויף פון יאהר. ער אינסטאָלירט דאָן אָפיציעל די עקזעקוטיווע אלס די נייע פערוואלטונג פאר'ן יאהר 1918-1919.

עס ווערען געמאכט נאָמינײשאָנס פאר נאציאנאלע בעאמטע.

פר. אב. עפשטיין ווערט ווידער ערוועהלט אלס טשערמאן פון ארבייטער רינג, פריינד ס. וואָלאָס ווערט ערוועהלט אלס וויס טשערמאַן און פר. מ. פּערלאָוויץ ווערט ווידער ערוועהלט אלס טרעזושרער.

---

פר. עפשטיין נעהמט איבער די טשער און ערקלערט דעם ערשטען מיטינג פון דער ניי־ערוועהלטער עקזעקוטווע אלס ערעפענט. ער גיט איבער אין קורצען די רעקאָמענדיישאָן פון דער פריהערדיגער עקזעקוטיווע, אז יעדע דעפּארטמענט קאָמיטע זאָל בעשטעהן פון פינף פּערזאָן, ווי עס האָט געלויטעט די אלטע קאָנסטיטושאָן. די רעקאָמענדיישאָן ווערט נאָך א קורצער דיסקוסיאָן אָנגענומען. די נאצ. עקז. ערוועהלט דאַן פון זיך די דעפּארטמענט קאָמיטעס, וועלכע בעשטעהען יעצט ווי פאָלגט:

**אָרגאניזאציאָנס קאָמיטע.**

אב. עפשטיין, א. דינערשטיין, ס. וואָלאָס, י. סילווערמאן און מ. גערשאנאף.

**בענעפיט קאָמיטע.**

מ. גאָלדינג, ל. ראָטהמאן, ז. שפּייער, מ. ספּינראד און י. וויינשטיין.

**סאַניטאַריום קאָמיטע.**

ר. גוסקין, מ. פּערלאָוויץ, א. אדלער, רזש. ראָטהמאן און א. צוקער.

**עדיוקיישאָנאל קאָמיטע.**

ב. האָפמאן (צביון), ס. יעלין, ר. זאלצמאן, ה. בורגין און ס. דראבקין.

**גריוועַנס קאָמיטע.**

מ. וויינבלאט, מ. מאלאט, ב. וואלאוויץ, פּ. יודיטש און י. זאריצקי.

פר. פיינערמאן, איינער פון קאנווענשאן סעקרעטאריאט. לעזט פאָר דעם קאָנווענשאָן רעפערענדום. דער טשערמאן בעדאנקט איהם אין נאָמען פון דער עקזעקוטיווע, פאר קומען פאָרלעזען דעם רעפערענדום איידער ער ווערט איבערגעגעבען צום דרוק.

---

פר. צביון לאַדעט איין אלע מיטגליעדער פון דער עקזעקוטיווע צו דער פּאָבליק אינסטאָליישאָן פון ארב. רינג אָרקעסטער אלס ברענטש און בעט צו ערוועהלען איינעם אָדער צוויי אָפיציעלע בעגריסער. די איינלאדונג ווערט אָנגענומען. אלס פערטרעטער ווערען ערוועהלט פריינדע דינערשטיין און עפּשטיין.

* * *

עס ווערט בעשלאָסען, אז דער נעקסטער מאָנאַטליכער מיטינג זאָל אָבגעהאלטען ווערען מיטוואך אבענר, דעם 5טען רזשון.

פּ. געליעבטער, רעקאָרדינג סעקרעטער.

---

## STATEMENT OF THE OWNERSHIP, MANAGEMENT, CIRCULATION ETC., REQUIRED BY THE ACT OF CONGRESS OF AUGUST 24, 1912.

Of FRIEND ................................ published Monthly ...........................at Passaic, N. J. for April 1, 1918.

State of New York: County of New York:

Before me, a Commissioner of Deeds in and for the State and County aforesaid, personally appeared JOSEPH BASKIN, who, having been duly sworn according to law' deposes and says that he is the MANAGER-SECRETARY, of the FRIEND, and that the following is, to the best of his knowledge and belief, a true statement of the management of the aforesaid publication for the date shown in the above caption, required by the Act of August 24th, 1912, embodies in section 443, Postal Laws and Regulations, to wit:

1. That the names and addresses of the publisher, editor, managing editor and business managers are:

Publisher, THE WORKMEN'S SIRCLE, 175 E. Broadway, New York City.

Editor, I. B. BAILIN, 175 East Broadway, New York City.

Managing Editor, I. B. BAILIN, 175 E. B'way, New York.

Business Manager, JOSEPH BASKIN.

2. That the owners are:

THE WORKMEN'S CIRCLE, 175 East Broadway, New York City.

No stockholders — Fraternal Insurance Order.

Subscribers are members who pay 32c. per year.

3. That the known bond holders, mortgages, and other security holders owning or holding 1 per cent or more of total amount of bonds, mortgages, or other securities are: NONE.

That the two paragraphs, next above, giving the names of the owners, stockholders, and security holders, if any, contain not only the list of stock holders and security holders as they appear upon the books of the company but also, in cases where the stockholder or security holder appears upon the books of the company as trustee or in any other fiduciary relation, the name of the person or corporation for whom such trustee is acting is given, also that the said two paragraphs contain statements embracing affiant's full knowledge and belief as to the circumstances and conditions under which stockholders and security holders who do not appear upon the books of the company as trustees, hold stock and securities in a capacity other than that of a bona fide owner, and this affiant has any interest direct or indirect in the said stock, bonds, or other securities than as so stated by him.

5. That the average number of copies of each issue of this publication distributed through the mails or otherwise, to paid subscribers during the six months proceeding the date shown above is.................53,000........

(Signed) JOSEPH BASKIN,
Business Manager.

Sworn to and subscribed before me this 16th day of April, 1918.

JULIUS EPSTEIN,
Comm. of Deeds.

(My commission expires Feb. 6th, 1919)

# THE WORKMEN'S CIRCLE

## VALUATION EXHIBIT

### ASSETS — Actual and Contingent.

| | |
|---|---|
| Present Mid-Year Value of Future Net Contributions ........... | $4,052,325.04 |
| Admitted Assets, less $104,206.10 General or Expense Funds and other funds not available for claims ..................... | 766,420.14 |
| TOTAL ........ | $4,818,745.18 |
| Amount of Gen. or Expense Fund and other funds not available for claims non-admitted $28,755.76 — admitted .................. | $104,206.10 |
| Amount of "Non-admitted Assets", including $28,755.76 as above | 56,614.13 |

### LIABILITIES — Actual and Contingent

| | |
|---|---|
| Present Mid-Year Value of Promised Benefits ............... | $4,724,902.80 |
| Accrued Liabilities, less amount agents funds not available for claims ...................... | 30,684.66 |
| Net Sick and Accident Fund, less $5,374.69 non-admitted ...... | 70,840.00 |
| TOTAL.......... | $4,826,427.46 |
| Accrued Claims on General or Expense Funds and other funds not available for claims .......... | $3,957.12 |
| Assets to Liabilities .................... | 99.84% |

The above valuation is in conformity with statutory requirements, and is not to be regarded as a test of financial solvency in any action that may arise, but is made to determine the amount the Society should have on hand to pay its future obligations without change in the basis of collection on the assumptions that its mortality will be same as that set forth in the National Fraternal Congress mortality table and that the rate of interest will be 4 per cent.

I HEREBY CERTIFY that the above Valuation Exhibit, setting forth the condition of THE WORKMEN'S CIRCLE as of December 31st, 1917, has been prepared by myself in accordance with the requirements of statute, and that the same is correct and true to the best of my information, knowledge and belief.

Boston, Mass.
May 22, 1918.

GEO. DYRE ELDRIDGE, Actuary.

# בעריכט פון סעמעטערי דעפּאַרטמענט קאָנפערענץ

דער 11־טער יעהרליכער קאָנפערענץ פון סעמעטערי דעפּאַרטמענט ווערט אָפּגעהאַלטען זונטאג, דעם 10־טען אַפּריל, אין „פאָרווערטס" האָל.

פריינד ל. בעצאָהלער, טשערמאַן עקזעקוטיוו פון סעמעטערי דעפּאַרטמענט עפענט דעם קאָנפערענץ מיט אַ זעהר פּאַסענדע רעדע. ער ערקלערט, אַז ווען אַלע פון אַרבּייטער רינג וואָלטען געוואוסט און אינטערעסירט זיך אַזוי פיעל מיט דיזען דעפּאַרטמענט ווי ער און די גאַנצע סעמעטערי עקזעקוטיווע, וואָלט דער קאָנפערענץ געווען בעסער בעזוכט. אָבער לאָמיר האָפען, אַז אין דער צוקונפט וועלען אַלע מעמבערס אָנפאַנגען זיך מעהר אינטערעסירען מיט דעם דעפּאַרטמענט. עס קומט פאָר וואַהל פאַר בעאַמטע פיר דעם קאָנפערענץ און פאָלגענדע ווערען ערוועהלט: ל. גינצבערג, בר. 1 אַלס טשערמאַן, מ. קופּערמאַן, בר. 72, אַלס וויס טשערמאַן און מ. מאַלאט, בר. 183 און מ. גאָלדבערג, בר. 406, אַלס סעקרעטערע. דער טשערמאַן אַפּאָינטעט אַ קרערענשעל קאָמיטע פון די פריינרע האַסקעל, בר. 46, שפּיגעל, בר. 405 און בונמאָוו פון בר. 260. דער טשערמאַן לעזט פאָר דעם טאַגעס־אָרדנונג און עס ווערט אָנגענומען אַזוי ווי עס ווערט פאָרגעלעזען. עס ווערט געמאַכט אַ פאָרשלאַג צו ערוועהלען אַ רעקאָמענדיישאַן קאָמיטע און פאָלגענדע ווערען ערוועהלט: פעלדמאַן פון בר. 188, שטיינער פון בר. 1, פישמאַן פון בר. 417, קראַפּקאָ בר. 235, העלער פון בר. 5 און פיליפּ פון בר. 602.

פריינד בעצאָהלער, דער טשערמאַן פון דער עקזעקוטיווע גיט אָפּ דעם יעהרליכען בעריכט:

מיר גיבען דאָ איבער דעם 11טען יעהרליכען בעריכט פון דעם סעמעטערי דעפּאַרטמענט, ווי אויך אַ רעפּאָרט פון די טעטיגקייט פון דער סעמעטערי קאָמיטע, וועלכע האָט פאָרוואַלטעט דעם דעפּאַרטמענט פאַר דעם יאָהר 1917־1918.

## די אינסטאַלירונג פון דער נייער קאָמיטע.

דעם 23טען מאַי, 1917 זיינען מיר אינסטאַלירט געוואָרען אַלס די סעמעטערי עקזעקוטיוו קאָמיטע פון אַרבּייטער רינג. און מיר האָבען גלייך איבערגענומען די פאַרוואַלטונג פון דיזען דעפּאַרטמענט. אונזער ערשטע אויפגאַבע איז געווען זיך בעקאַנט צו מאַכען מיט דעם צושטאַנד פון דעפּאַרטמענט, און אויך דורכפיהרען אַלע בעשליסע פון קאָנפערענץ, וועלכער האָט אונז ערוועהלט. מיר האָבען אויך געדאַרפט דורכפיהרען בעשליסע, וועלכע זיינען געמאַכט געוואָרען פון דער פריהערדיגער קאָמיטע.

מיר האָבען אַלעס געפונען אין אַ גוטען צושטאַנד, אַ דאַנק דער פריהערדיגער קאָמיטע, און די בעשליסע וועלכע מיר האָבען געדאַרפט דורכפיהרען זיינען געווען די פאָלגענדע:

1 צו שטעלען אַ גייט אויף דעם מאָונט חברון סעמעטערי.

2. אַרויסצושיקען אַלע רעפערענדומס פון קאָנפערענץ, ווי אויך פון אַרבּייטער רינג קאָנווענשאַן.

8. צו עפענען די מאונט חברון סעמעטערי.

די לעצטע פראַגע פאָדערט אַן ערקלערונג. ביים לעצטען קאָנפערענץ איז פאָרגעבראַכט געוואָרען די פראַגע פון בעערדיגען מעהר ווי אויף איין סעמעטערי אין דער זעלביגער צייט. דאָס איז איבערציוגט געוואָרען אַלס אַ נויטווענדיגקייט אין דעם וואָס פיעלע מעמבערס טרעפט דער אומגליק צו פאַרלירען מעהר ווי איין מיטגליעד פון דער פאַמיליע, און עס ווערט פאַרלאַנגט אין אַזוינע פעלע אַז זיי זאָלען בעערדיגט ווערען אויף איין סעמעטרי. אונטער די יעצטיגע אומשטענדען, אַבוואָהל, מיר בעזיצען מעהר ווי איין סעמעטערי, בעערדיגען מיר אָבער בלויז אויף איינעם ביז זי ווערט אינגאַנצען פאַרלעגט, און מיר קענען אַזאַ פאַרלאַנג ניט בעוויליגען, און זעהר אָפּט קומט פאָר מיספערשטענדניסע צווישען. די מעמבערס און דעם סעמעטערי דעפּאַרטמענט און אויך גרויסע אונאַנגענעהמליכקייטען. פאָלגליך, איז בעשלאָסען געוואָרען דאָס אין דער זעלבער צייט וואָס מיר בעערדיגען אויף מאונט כרמל סעמעטערי אויך צו עפענען די מאונט חברון סעמעטערי און בעערדיגען אויף ביידע, און אויף אַזאַ אופן וועלען מיר בעסער קענען צופרידענשטעלען די מעמבערס ביי וועמען עס פּאַסירט אַן אונגליק.

מיר האָבען זיך גלייך גענומען צו דער אַרבּייט, און דאָס ערשטע וואָס מיר האָבען געטון איז געווען צו בעשטעלען אַ גייט, ווי אויך פּאָסטס, וועלכע זאָלען אַרומצוימען דאָס גאַנצע שטיק לאַנד וואָס מיר בעזיצען דאָרט. מיר האָבען גלייך אַרויסגעשיקט דיזע אַרבּייט פאַר עסטימייטס, און גרויס איז געווען אונזער ערשטוינונג ווען מיר האָבען דורך דעם געלערנט דאָס, אַבוואָהל מיר האָבען אַ רעכט צו צאַהמען אונזערע גראונדס, מוזען מיר אָבער דאָס טון לויט די רעגולייישאָנס וועלכע די סעמעטערי אַסאָסיאיישאַן שרייבט פאָר צו די אַלע יעניגע וואָס קויפען ביי זיי סעמעטערי. נעמליך, דאָס מיר מוזען צאַהמען די גראונדס אויף אַזאַ אופן אַז מיר זאָלען לאָזען אָפען זעקס וועגען, יעדע בעשטעהענדע פון דריי פוס ברייט, דורך וועלכע עס זאָל קענען זיין אַ דורכגאַנג צו די אַרומיגע סעמעטערים פון אַנדערע אָרגאַניזאַציאָנען. דאָס זיינען געווען די בעדינגונגען אויף וועלכע די דאַמאָלסדיגע סעמעטערי קאָמיטע האָט ביי זיי געקופיט סעמעטערי, און אונטער דיזע קאָנדיציאָנען מוזען מיר זיך יעצט אונטערוואַרפען, אַזוי האָט אונז ערקלערט די מאונט חברון אַסאָסיאיישאַן, און דאָס זיינען אויך די קאָנדיציאָנען אויף וועלכע זיי פאַרקויפען סעמעטערי צו אַנדערע אָרגאַניזאַציאָנען. אין אַנדערע ווערטער מיינט עס, אַז מיר דאַרפען מאַכען פון אונזערע גראונדס אַ דורכגאַנג פאַר פרעמדע וועלכע דאַרפען צוקומען אויף די וויטערע סעמעטערים. עס פאַרשטעהט זיך, אַז מיר האָבען אויף אַזוינע בעדינגונגען ניט געקענט איינגעהן, ספּעציעל ווען מיר זיינען געווען גרייט צו ספּענדען עטליכע הונדערט ראָלאַר אויף פּאָסטס, וועלכע זאָלען אויפפּוצען אונזער סעמעטערי, און מאַכען עס אַם בעקוועהמסטען פאַר אונזערע אייגענע צוועקען. און אום צו קענען די פראַגע ריכטיג און געזעצליך דורכפיהרען, האָבען מיר זיך געווענדעט צו אונזער פריינד מאיר לאָנדאָן, דער ליגעל אַדווייזער פון אַרבּייטער רינג. און נאָך אַ לענגערע אונטערזוכונג האָט ער אויסגעפונען אַבוואָהל עס איז אין קאָנטראַקט ניט אויסדריקליך געזאָגט געוואָרען אַז מיר מוזען זעקס פּעטס לאָזען אָפען ווי זיי פאַרלאַנגען עס, איז אָבער דאָ אַ בעדינגונג, אַז מיר קענען די גראונדס אַרומצאַהמען נור לויט זייערע רעגולייישאָנס, און געגען דעם האָבען מיר צום געזעץ ניט געקענט געהן, ווייל מיר זיינען אויף דעם איינגעגאַנגען ווען מיר האָבען די סעמעטערי געקויפט. מיר האָבען זיך געזעהן מיט מעמבערס פון דער דעמאָלסדיגער קאָמיטע, און קיינעם פון זיי איז ניט געווען קלאָר דער פּונקט. דיזע זעקס פּעטס וועלכע זיי האָבען פאַרלאַנגט אַז מיר זאָלען לאָזען אָפען בעשטעהן פון אַרום 12 פּלאַטס, און נאָך אַ קורצער צייט האָבען זיי אונז פאָרגעשלאָגען דיזע 12 פּלאַטס פון זיי אָפּצוקויפען אויף דעם זעלבען פּרייז אויף וועלכען מיר האָבען דאַן געקויפט דאָס גאַנצע לאַנד, און דאַן עס צאַהמען ווי מיר ווילען. אין דיזער פאַרבינדונג ווילען מיר אייך אויפמערזאַם מאַכען אויף דעם פאַקט, דאָס מיר האָבען צו דער זעלבער צייט אויך בעשלאָסען צו מאַכען אַ סוירוויי און אַ מעפּ פון אַלע פּלאַטס (גענויער וועגען דעם וועלען מיר רעדען שפּעטער) און ווען מיר זאָלען דיזע זעקס וועגען לאָזען אָפען, וואָלט עס זעהר פיעל פאַרלוסט געמאַכט אין דעם אויטלעי וועלכער איז געמאַכט געוואָרען. פאָלגליך האָבען מיר בעשלאָסען דיזע 12 פּלאַטס פון זיי אָפּצוקויפען, אָבער מאַכען אַ פאַרזוך דאָס צו קריגען אַזוי ביליג ווי נור מעגליך. אונזער פריינד לאָנדאָן האָט אונז געראַטען זיי פאָרצושלאָגען אַ דורכשניטליכע סומע, און ניט צאָהלען פאַר יעדען פּלאַט באַזונדער. דיזען פאָרשלאַג האָבען מיר זיי געמאַכט. מיר האָבען זיי פאָרגעשלאָגען די סומע פון פינף הונדערט דאָלאַר אַלס שאַדענערזאַץ פאַר די 12 פּלאַטס וועלכע זיי האָבען אונז אָפּגעגעבען, און אויף דעם פאָרשלאַג פון זייער באָארד אָוו דירעקטאָרען האַנדלען. מיר ערוואַרטען יעדען טאָג אַ דעפיניטיווען אַנטוואָרט, אָבער פון אַלע סמנים קענען מיר זאָגען, אַז זיי וועלען עס אָננעהמען, און דאַן וועלען מיר זאָגאַר געווינען אַ אין גראונד אי אין שעהנקייט פון סעמעטערי. ווייל זייענדיג בעפּרייט פון דער בעדינגונג צו לאָזען

דיזע זעקס פּעטס אָפּען, קענען מיר מאַכען אונזער מעפּ אַזוי ווי עס פּאַסט זיך און לוינט זיך בעסער פאַר אונזערע צוועקען.

## דער סוירוויי פון מאונט חברון.

ווי שוין געזאָגט, האָבען מיר געוואָלט אַז דיזע סעמעטערי זאָל ווערען אויסגעטיילט אויף אַ וויסענשאַפטליכען אופן. פאָלגליך, האָבען מיר איינגעלאַדען אונזער פריינד דרייששפּיעל, וועלכער איז אַ סיוויל אינדזשעניר, אַז ער זאָל דיזען מעפּ פאַר אונז מאַכען. מיר מוזען בעמערקען, אַז פריינד דרייששפּיעל האָט גענומען אַ ספּעציעלען אינטערעס אין דיזער אונטערנעהמונג, און האָט געמאַכט דעם מעפּ צו אונזער בעסטער צופרידענהייט. די מעפּ בעשטעהט אין דעם וואָס מען קען צו יעדער צייט אָנדייטען וויפיעל קברים עס זיינען פאַרלעגט געוואָרען און וויפיעל עס זיינען פאַרבליבען, וועלכע רייהע עס איז פאַר גרויסע, וועלכע — פאַר מיטעל־יעהריגע און וועלכע פאַר גאַנץ קליינע. עס איז אַ נויטיגער אינסטרומענט פאַר׳ן אָפּיס ווי אויך פאַר׳ן אָנדערטייקער, און דאָס וועט פאַרמיידען פיעלע מיסטייקס וועלכע ווערען געמאַכט אונטער די יעצטיגע אומשטענדען אין אַנדערע סעמעטערים.

## דער נייער גייט.

אויך האָבען מיר ארויסגעגעבען עסטימייטס פאַר אַ גייט פאַר מאונט חברון סעמעטערי, און די אַרבייט איז אָפּגעגעבען געוואָרען צו אונזער מאָנומענט מייקער, אדלער מאָנומענט וואָירקס. דער גייט וועט קירצליך געשטעלט ווערען, מעגליך נאָך פאַר דער קאָנפערענץ. דער פּרייז פון גייט איז $1050.00.

## וועגען נייע סעמעטערי.

דיזע פראַגע איז אייגענטליך געשליכטעט געוואָ„ן בייס לעצטען קאָנפערענץ, מיט דעם וואָס עס איז אויסדריקליך בעשלאָסען געוואָרען ניט צו קויפען אויף דער ריווער סייד סעמעטערי ווי אויך קיין אַנדערע, סיידען די קאָנדיציאָנען זאָלען זיין אויסערגעוועהנליכע. ביז יעצט האָבען מיר קיין געלעגענהייט ניט געהאַט צו פאַרהאַנדלען וועגען נייע סעמעטערי. אויסער דעם וואָס מיר האָבען געהאַט אַ צושריפט פון דער האָדסאָן קאָונטי קאָמיטע פון אַרבייטער רינג, בעטענדיג אונז אַז מיר זאָלען זוכען פאַר זיי פּאַסענדע סעמעטערי. ביז יעצט האָבען מיר ניט איינגעזעהן די גרויסע נויטווענדיגקייט אין קויפען סעמעטערי פאַר דריי פיער ברענטשעס אין דער צייט ווען עס זיינען דאָרט דאָ אונגעפעהר צעהן ברענטשעס, און עס איז געאָגראַפיש אונמעגליך פאַר אַלע צעהן צו האָבען איין סעמעטערי. פאָלגליך האָבען מיר בעשלאָסען די זאַך צו לאָזען געהן אויף ווייטער און וואַרטען דאָס פּיליכט וועט זיך מאַכען אַ געלעגענהייט דיזע אַלע ברענטשעס צו פאַראייניגען אין דיזער פראַגע.

## די סאָב־קאָמיטע.

דיזע קאָמיטע האָט פיעל געטון דיזען יאָהר די אַלע סעמעטערים צו האַלטען אין בעסטען אָרדנונג. עס זיינען פאָרגעשלאָגען ווי אויך דורכגעפיהרט געוואָרען די פאָלגענדע רעפאָרמס: דאָס די שטיינער, סיי די וואָס די מעמבערס שטעלען אַליין און אויך די וועלכע די סעמעטערי דעפּאַרטמענט שטעלט, זאָלען ענטהאַלטען די אויפשריפטען אין ענגליש און אין אידיש; דער ברענטש נומער צו וועלכען דער מעמבער האָט בעלאַנגט זאָל אַרויפגעשטעלט ווערען אויפ׳ן שטיין. דאָס די פאונדיישאָנס פון די שטיינער זאָלען זיין יוניפאָרם, דאָס הייסט, דאָס אַלע שטיינער זאָלען זיין איין ברייט, אום צו פאַרמיידען, אַז איין שטיין זאָל פאַרנעהמען מעהר פּלאַץ ווי דער ברייט פון קבר, ווי עס האָט פּאַסירט ביז יעצט. מיר האָבען אויך געמאַכט אַ צעמענטענעס וועג אויף דער מאונט כרמל סעמעטערי, וועלכע פיהרט צו די קינדערשע קברים. מיר האָבען אויך אַוועקגעשטעלט פּאָסטס וועלכע בעצייכענען דעם נומער פון די פאַרשיעדענע קינדערשע קברים, רייהען. עס זיינען געמאַכט געוואָרען פיעלע אַנדערע ענדערונגען וועגען וועלכע מיר קענען זיך דאָ ניט אָפּשטעלען.

## די נייע איינפיהרונגען אין אָפּיס.

מיר בעטראַכטען דעם טרענספער פראַגע אַלס זעהר אַ וויכטיגע, און מיר האָפּען אַז דער נייער געזעץ וועט העלפען דעם אַרבייטער רינג אויפהאַלטען דעם צוטרוי פון די מעמבערס. יעדער מעמבער, אָנפאַנגענדיג מיט יאַנואר 1, 1918, קען זיך טראַנספערירען פון איין שטאָדט צו דער צווייטער, פון איין ברענטש צו דעם צווייטען, און דאַרף מעהר ווי איין מאָל פאַר סעמעטערי טעקסעס ניט צאָהלען. ווען ער האָט שוין איין מאָל אויסגעצאָהלט זיין סעמעטערי טעקס אין איין ברענטש דאַרף דער מעמבער נור ברענגען אַ טרענספער קאַרד פון זיין ברענטש, וועלכע זאָל צייגען וויפיעל קוואַרטאַלען ער האָט איינגעצאָהלט, אויב ער האָט אין גאַנצען אויסגעצאָהלט, דאַרף ער מעהר ניט צאָהלען, אויב אָבער נור אַ טייל, דאַרף ער דערצאָהלען די איבעריגע אין דעם ברענטש צו וועלכען ער האָט זיך טראַנספּערירט.

עס האָט זיך אויך געמאָלדען ברענטשעס וועלכע זיינען אָרגאַניזירט געוואָרען אויסער ניו יאָרק, און פערלאַנגט אַז מען זאָל זיי אַריינגעהמען אַלס סעמעטערי ברענטשעס. מיר האָבען זיי ערקלערט די בעדינגונגען אויף וועלכע זיי קענען בעלאַנגען צו דיזען דעפּאַרטמענט מיט סעמעטערי, נעהמליך אַז זיי דאַרפען דעקען אַלע אויסגאַבען וועלכע דאַרפען געמאַכט ווערען אין ברענגענדיג די באדים אין ניו יאָרק, און נאָך דעם ווי זיי זיינען אויף דיזע בעדינגונגען איינגעגאַנגען, האָבען זיי זיך אָנגעשלאָסען אָן דעם סעמעטערי דעפּאַרטמענט מיט סעמעטערי.

ס׳האָט אויך פּאַסירט אַ פאַל וואו א ברענטש פון אויסער ניו יארק האָט געפונען פאַר בעקוועהמער צו קויפען דאָרט סעמעטערי און זיך צוריקציהען פון סעמעטערי דעפּאַרטמענט מיט סעמעטערי. מיר האָבען זייער פאַרלאַנג בעוויליגט, און זיי בעפרייט פון די סעמעטערי טעקסעס.

## אונזערע פאַרהאַנדלונגען מיט׳ן אָנדערטייקער.

מיר דאַרפען פיעל צייט ניט פאַרלירען וועגען די יעצטיגע אומשטענדען, וועגען דעם איצטיגען יקרות. דאָס געוועהנליך האָט זיך אויך אָפּגערופען אויפ׳ן קאָנטראַקט וועלכען מיר האָבען געהאַט מיט׳ן אָנדערטייקער. אַ געוויסע צייט נאָכדעם ווי מיר האָבען געשלאָסען מיט איהם אַ קאָנטראַקט, כמעט נאָכדעם ווי דער יאָהר איז פאָראיבער, האָט ער זיך געווענדעט צו אונז נאָך אַ קליינער העכערונג, און נאָכדעם ווי מיר האָבען זיך איבערצייגט אַז זיינע פרייזען זיינען נאָך אַלץ ביליגער ווי אַנדערשוואו, האָבען מיר איהם די העכערונג בעוויליגט. דאָס זעלבע האָט אויך פּאַסירט מיט אַדלער׳ס מאָנומענט וואָירקס, ווי אויך מיט פּרייזען פון עפענען קברים.

## די בילס ווערען געצאָהלט צום אָנדערטייקער.

צום לעצטען קאָנפערענץ האָבען מיר בעריכטעט דאָס מיר האָבען איינגעפיהט אַ סיסטעם לויט וועלכען מיר צאָהלען די פיונעראַל אויסגאַבען דירעקט צום אָנדערטייקער אָנשטאָט געבען קרעדיט צום בר. דורך דעם יאָהר׳ס ערפאַהרונג, קענען מיר זאָגען דאָס דיזער סיסטעם אַרבייט גוט, און עס איז בעקוועהמ אי פאַר׳ן ברענטש אי פאַר׳ן אָנדערטייקער. געוועהנליך, גיט עס דעם אָפּיס מעהר אַרבייט, אָבער די נוצען וואָס דיזע סיסטעם ברינגט אַריין איז ווערטה די מיה וועלכע עס קאָסט דעם אָפּיס.

דאָס האָט געפיהרט צום געדאַנק דאָס זעלבע איינצופיהרען אין גאַנצען אַרבייטער רינג און מיר האָבען עס דורכגעפיהרט.

## די פראַגע פון קויפען מעהר באָנדס.

ווי איהר זעהט פון אונזער פינאַנציעלען בעריכט, וועט איהר געפינען דאָס מיר בעזיצען פערציג טויזענד דאָלאַר אין ניו יאָרק סיטי באָנדס. זייט מיר האָבען געשלאָסען דעם יעהרליכען פינאַנציעלען רעפּאָרט האָבען מיר געקויפט פאַר נאָך צעהן טויזענד דאָלאַר פון די זעלבע ניו יאָרק סיטי באָנדס. ביי דעם יעצטיגען שרייבען האָבען מיר אין אונזער וואָלט פאַר פופציג טויזענד דאָלאַר באָנדס. די אורזאַכע וואַרום מיר האָבען געקויפט אַזוי פיעל באָנד איז פאָלגענדע: ביז יעצט האָט דער אַרבייטער רינג געקויפט באָנדס פאַר וועלכע זיי האָבען נאָך קיינמאָל ניט געצאָהלט וועניגער ווי 96 פאַר׳ן דאָלאַר; עס זיינען אויך געקויפט געוואָרען פאַר צעהנדליגע טויזענדער דאָלאַר באָנדס פּאַר וועלכע מען האָט געצאָהלט זאָגאַר 103 פאַר׳ן דאָלער און זאָגאַר נאָך טייערער, אָבער די יעצטיגע מלחמה־לאַגע, אין איראָפּא און אויך דאָ אין אַמעריקאַ, האָט געפיהרט אַז דער באָנד מאַרקעט איז געוואָרען אַ היסטערישער, און אַזוי שנעל ווי די מלחמה אַקציעס האָבען זיך פאַרערגערט, האָבען די באָנדס גלייך גענומען פאַלען אין פּרייז. פאַר די געשעפטען וועלכע קויפען באָנדס פאַר ספּעקולאַציאָן, וואָלט זעלבסט פאַרשטענדיליך געווען א ריזיקע צו אינוועסטען געלד אין באָנדס אין דער צייט ווען דער מאַרקעט איז ניט קיין בעשטימטער, אָבער פאַר אונז, ווען מיר קויפען די באָנדס ניט צוליעב ספּעקולאַציאָן, זאָנדערן אום צו האַלטען אונזער געלד אין זיכערע הענד, און אויך צו קריגען גרויסע צינזען (אינטערעס), די גרעסטע צינזען וואָס מיר קענען קריגען פון זיכערע אינוועסטמענטס.

לוינט זיך שטאַרק צו קויפען באָנדס ביליג, ווייל מיר פאַרדינען די נעטע סומע צווישען דעם דאָלאַר וואָס מיר וועלען בעקומען פון די באָנדס, און די סומע וואָס מיר צאָהלען יעצט אונטער דעם דאָלאַר. פאָלגליך זיינען מיר געווען פאַראינטערעסירט צו וואַטשען דעם באָנדמאַרקעט, און אַזוי שנעל ווי די באָנדס האָבען גענומען פאַלען אין פרייז, האָבען מיר זיך געזעצט אין פאַרבינדונג מיט אונזער בּהאָקער און בעשטעלט פאַר צעהן טויזענד דאָלאַר באָנדס. דער רעזולטאַט איז געווען דאָס מיר האָבען געקויפט איין מאָל פאַר צעהן טויזענד דאָלאַר באָנדס פאַר וועלכע מיר האָבען געצאָהלט 92 און אַ האַלב סענט, און דעם לעצטען מאָל (וועלכע איז נאָך ניט אַריין אין רעפּאָרט) האָבען מיר ווידער געקויפט פאַר צעהן טויזענד דאָלאַר באָנדס פאַר וועלכע מיר האָבען געצאָהלט נור 90 און איין אכטעל סענט. דאָס הייסט אין אַנדערע ווערטער, אַ חוץ דעם וואָס מיר קריגען 4¼ פּראָצענט אינטערעסט, פאַרדינען מיר אויף יעדען דאָלאַר אַכט און צעהן סענט, דעם אונטערשייד צווישען דעם קרן און דעם פרייז וואָס מיר האָבען געצאָהלט.

## סכסוכים מיט די ברענטשעס.

עס זיינען פאָרגעקומען פאַרשיעדענע קליינע סכסוכים מיט איינזיגע ברענטשעס, אָבער ניט פון גענוג וויכטיגקייט וועגען דעם צו שרייבען. מיר ווילען זיך אָבער אָפּשטעלען וועגען אַ קלאַגע וואָס מיר האָבען געהאַט פון אַ מעמבער געגען זיין ברענטש. די קלאַגע איז בעשטאַנען אין דעם וואָס ביי דעם מעמבער איז געשטאָרבען זיין פרוי, און ביי דער בעערדיגונג האָט דער מעמבער פאַרלאַנגט אַז מען זאָל איהם געבען צוויי קערידזשעס, און דער ברענטש האָט איהם ענטזאַגט און איהם נור געגעבען איין קערידזש. דער ברענטש האָט אָבער גע'טענה'ט, אַז די אויסגאַבען פאַר די פיונעראַל זיינען געמאַכט געוואָרען פון ברענטש, אַ חוץ די דירעקטע הוצאות האָבען זיי אויך געהאַט זייטיגע אויסגאַבען וועלכע זיי האָבען אַרויסגענומען פון די $41.00, און פאָלגליך האָבען זיי מעהר ווי איין קערידזש דעם מעמבער ניט געקענט געבען. אויסהערענדיג ביידע צדדים זיינען מיר געקומען צום בעשלוס דאָס דער ברענטש האָט ניט געהאַנדעלט ריכטיג מיט דעם וואָס זיי האָבען איהם ענטזאַגט דעם צווייטען קערידזש, און אָבוואָהל עס איז ריכטיג דאָס דער ברענטש האָט געמאַכט די פיונעראַל און ניט דער מעמבער גופא, דאָך איז דער מעמבער געווען בערעכטיגט צו צוויי קערידזשעס, און אַזוי ווי דער מעמבער פאַרלאַנגט יעצט אַז מען זאָל איהם אויסצאָהלען צוריק פאַר דעם צווייטען קערידזש, האָבען מיר בעשלאָסען דעם פאַרלאַנג צו בעוויליגען, און האָבען אויפגעפאָדערט דעם ברענטש דעם מעמבער אומצוקעהרען דעם פרייז פון דעם צווייטען קערידזש.

## דער אָפיס פון דער סעמעטערי דעפּאַרטמענט.

ווי פריהער, ווערט דער אָפיס פאַרוואַלטעט פון אונזער סעקרעטערין, פריינדין אַש' אונטער דער קאָנטראָל און אויפזיכט פון די סעמעטערי עקזעקוטיוו און קאָנטראָל קאָמיטעען. די אַרבייט איז קאָנצענטרירט געוואָרען דורך פאַרשיעדענע אורזאַכען. די אַרבייט פון אָפיס איז צופריעדענשטעלענד, די ביכער ווערען ווי פריהער אונטערזוכט יעדע דריי מאָנאַטען פון אונזער דזשענעראַל אוידיטאָר. די פירמע עדווין פּראָבערט און קאָמפּאַני. מיר האָבען אויך געמאַכט פאַרשיעדענע קליינע איינריכטונגען.

עס ווערען געשטעלט פיעלע אינטערפּעלאַציאָנען צום טשערמאַן, און ער בעאַנטוואָרטעט אַלע צו דער גרעסטער צופריעדענהייט פון אַלע אַנוועזענדע.

דאַן שטעלט פריינד באַצאָהלער פאַר פריינדין אַש, סעקרעטערין פון סעמעטערי דעפּאַרטמענט, וועלכע גיט אָפּ דעם פינאַנציעלען רעפּאָרט פאַר דעם פאָרגאַנגענעם יאָהר. די סעקרעטערין ווערט אויסגעהערט מיט גרוים אויפמערקזאַמקייט. זי בעאַנטוואָרטעט פיעלע פראַגען וועגען די פינאַנסען, סיסטעמען פון אָפיס, ווי אויך פאַרשיעדענע אַנדערע שליכטונגען. זי ווערט בעדאַנקט פאַר איהר אַרבייט, און די קאָנפערענץ געהט איבער צו ווייטערע אַרבייט.

די צווייטע זיצונג עפענט זיך מיט די זעלבע בעאַמטע. עס ווערט פאַרהאַנדעלט די רעקאָמענדיישאָן פון דער קאָמיטע אַז מען זאָל העכערען די טעקסעס פאַר פיונעראַל ווי אויך פאַר פיונעראַל בענעפיטס. עס ווערט בעשלאָסען צו רעקאָמענדירען עס גינסטיג צום קאָנווענשאָן פון אַרבייטער רינג. די רעקאָמענדיישאָן קאָמיטע ברענגען אַריין די פאָלגענדע רעקאָמענדיישאָנס:

1. איבערצוגעבען צו דער נייער פאַרוואַלטונג די פראַגע פון פאַרהאַנדלען וועגען צאָהלען סעמעטערי און פיונעראַל בענעפיטס פאַר מעמבערינס פון אַרבייטער רינג וועמענס מענער עס בעלאַנגען ניט צום אַרבייטער רינג.

2. אַז דער דעפּאַרטמענט זאָל קאָלעקטען ביי די מעמבערס פון אַרבייטער רינג פאַר שטיינער פאַר די יעניגע וועלכע ווערען בעערדיגט אויף דעם אַרבייטער רינג סעמעטערי.

דיזע פראַגע האָט פאַרנומען אַ היבשע שטיק צייט, און עס ווערט בעשלאָסען אַז די פראַגע זאָל אין גאַנצען געהן צום קאָנווענשאָן פון אַרבייטער רינג.

מען געהט נאָכהער איבער צו וואָהלען פאַר אַ נייער קאָמיטע, די עקזעקוטיוו, ווי אויך די קאָנטראָל קאָמיטעען און פאָלגענדע ווערען ערוועהלט:

### עקזעקוטיוו קאָמיטע.

ל. גינזבערג, בר. 1, מ. פּאָזעס, בר. 87, ב. קראָפּקאָ, בר. 235, ב. קרינסקי, בר. 231, מ. לאַנגער, בר. 42, דזש. קופּערמאַן, בר. 72, ס. דזשייקאָבי, בר. 93, מיסעס ר. בראָדי, בר. 314 און מ. ס. מאַלאָט, בר. 183.

### קאָנטראָל קאָמיטע.

מ. קליינמאַן, בר. 42, לעף, בר. 42, גאַלינסקי, בר. 146, דזש. מ. ראָזענבלאַט, בר. 539, גאָלדבערג, בר. 406, העללער, בר. 5, בעביץ, בר. 352, הענקין, בר. 351 און מ. אייבראַהמס, בר. 43.

דער קאָנפערענץ ווערט געשלאָסען דערמיט.

מ. ס. מאַלאָט,
מאַקס גאָלדבערג,
סעקרעטערע.

---



אַזוי לאַנג, ווי עס וועלען זיין מענשען, וואָס ליידען, אַזוי לאַנג, ווי עס וועלען זיין מענשען, וואָס דולדען, אַזוי לאַנג ווי עס וועלען זיין איינציגע, צוזעעט און צושפּרייט איבער זיעבען ימים און מאַכטלאָז אין קאַמפּף פאַר'ן לעבען, וועלען מיר מיט די גאַנצע כחות, אונאויפהערליך שרייען: פ אַ ר א י י נ י ג ט א י י ך!



פריינדשאַפט איז דער צעמענט, וואָס וועט צוזאַמענהאַלטען די קומענדע געזעלשאַפט. — וואַנדראַו ·ווילסאָן.



יעדער רינג אין דער גאָלדענער קייט פאַרנעהמט דעם אויבען אָן און איז גלייך וויכטיג. יעדער ברענטש אין ארבייטער רינג און יעדער מעמבער אין יעדען ברענטש זיינען גלייכע יחסנים, נישט נור אין דער קאָנסטיטוציע פון אַרבייטער רינג, נור אויך אין דעם לעבען.



די גרויסע קוקען אונז דערפאַר אויס גרויס, ווייל מיר שטעהען פאַר זיי אויף די קניע. זאָלען מיר זיך אויפהויבען! — ליהיין.



זאָג מיר וויפיעל מאָל דו באַזוכסט די מיטינגען פון דיין ברענטש און איך וועל דיר זאָגען אונגעפעהר וויפיעל נייע מעמבערס דו האָסט שוין אַריינגעבראַכט.



„דער וואָס ערהאַלט ביים לעבען איין מענשען איז פּונקט, ווי ער וואָלט דערהאַלטען ביים לעבען די גאַנצע וועלט" — האָבען אונזערע אַלטע חכמים געזאָגט. מיר וועלען נור צולעגען: און דער, וואָס מאַכט אויף איין מענשען די אויגען, איז פּונקט, ווי ער וואָלט אָנגעצונדען אַ שטערען אין אַ פינסטערער נאַכט און בעלויכטען די גאַנצע וועלט.

מלכה טוזמאַן:

# „דער טאָג און די נאַכט“

(אַ קינדער־מעשה׳לע)

אמאָל, ווען דער טאָג, אָנגעטון אין א העל ווייסער קלייד, באַפּוצט מיט ווייסע בלומען, איז געשטאַנען און גוטמוטיג געקוקט אויף דער וועלט און א שמייכעל, וועלבער האָט געגאָסען גאָלדענע שטראַהלען איז געוועזן אויסגעגאָסען איבער זיינע ליפּען, איז די נאַכט געבאָרען געוואָרען. איינגעהילט אין אַ שוואַרצען מאַנטעל מיט אַ שנירעל. גרויסע דימאַנטען ארום איהר קאָפּ איז זי געקומען דעם טאָג׳ס פּלאַץ פאַרנעהמען.

„ווער ביזטו?“ האָט זי דער טאָג געפרעגט.

„איך בין די נאַכט, איך בין געקומען דיין פּלאַץ פאַרנעהמען“, האָט די נאַכט געענטפערט.

„איך קען דיר מיין פּלאַץ ניט געבען,“ האָט דער טאָג געזאָגט, „די גאַנצע וועלט איז מיט מיר צופריעדען און דיך דאַרף קיינער און וויל קיינער. אויב דו ווילסט עס זעהן מיט דיינע שוואַרצע אויגען ווי איבריג דו ביזט, דאַן טו זיך אָן אין אַ ווייסע קלייד און איך וועל דיר צייגען.“

האָט די נאַכט זיך אָנגעטון אין א ווייסער קלייד און איז נאָכגעגאַנגען דעם טאָג. צום ערשטען האָט דער טאָג זי צוגעפיהרט צו א רעדעל קינדערלאַך, וועלבע האָבען געטאַנצט אין א ראָד און האָבען געזונגען:

„ליכטיג ביזטו, ווייסער טאָג,
„דיינע גוטסקייט ווער פאַרמאָגט,
„און דיין שמייכעל זיס, זיס, זיס,
„דיינע שטראַהלען גיס, גיס, גיס.“

„זעהסטו, ווי גליקלאַך די קינדער זיינען מיט מיר?“ האָט דער טאָג צופריעדען זיך געווענדעט צו דער נאַכט. „קום ווייטער“.

און דער טאָג האָט צוגעפיהרט די נאַכט צום וואַלד וואו די בוימער האָבען געבליהט און די גרעזעלעך האָבען געגרינט און פייגעלעך האָבען פרעהליך געפּיסטשעט און געפלויגען פון איין צווייג צו דער צווייטער. אַנדערע האָבען נעסטלעך געמאַכט פאַר זייערע קינדערלאַך. אלעס האָט געלעבט און געלאַכט.

„נו, וואָס וועסטו היינט זאָגען?“ האָט דער טאָג געפרעגט די נאַכט. די נאַבט האָט זיך אביסעל פאַרטראַכט און דאַן געזאָגט:

„איצט טו זיך דו אָן אין אַ שוואַרצער קלייד און איך וועל דיר צייגען מיינע גוטע טאַטען“.

האָט זיך דער טאָג אָנגעטון אין א שוואַרצער קלייד און דימאַנטען אויפ׳ן קאָפּ, און די נאַכט האָט איהם גענומען פאַר א האַנט און מיט שטילע טריט איהם אריינגעפיהרט אין א צימער, וואו עס זיינען געשטאַנען בעטעלאַך אין וועלכע עס זיינען געלעגען אויסגעבאָדענע קינדערלאַך מיט פאַרקאַמטע קעפּעלעך, צוגעדעקט מיט ווייסע ליילעכלאַך און זיינען געשמאַק געשלאָפען, און צוקאָפּענס ביי זיי איז געזעסען א מלך׳ל און האָט זיי געטיילט זיסע חלום׳לאַך. די נאַכט האָט אָנגענומען דעם טאָג פאַר דער האַנט און שטילינקערהייד פאַרלאָזען דעם צימער, און זיי זיינען געגאַנגען גלייך צום וואַלד, און די נאַבט האָט געזאָגט צום טאָג:

„קוק זיך צו ווי די פייגעלאַך וואס האָבען זיך פריהער אָנגעהאָרעוועט ליגען יעצט בעקוועם אין זייערע נעסטעלעך און רוהען זיך אוים. הער, דאָרט דער נאַכטיגאַל זינגט זיך זיין ליעדעל און דער גאַנצער וואַלד, מיט אַלעס אין איהם, איז באַדעקט מיט מיין זיסען רוהע־גייסט. וואָס וועסטו איצט זאָגען?“

דער טאָג האָט זיך פאַרטראַכט.

אין אַ ווײַלע אַרום האָבען זיי צווישען זיך געמאַכט אַ פּשרה, אַז זומער זאָל די נאַכט קומען שפּעטער, און די וועלט זאָל קענען געניסען די ליעבע וואַרעמקייט, און ווען דער גרויזאַמער ווינטער וועט קומען, זאָל די נאַבט קומען פריהער און די וועלט וועט שלאָפען אַ לענגערע צייט און וועט ווייניגער ליידען פון דער קעלט.

פון דעמאָלט אָן זיינען זומער קירצער די נעכט און ווינטער לענגער די נעכט.

---

איין האַרץ, איין געדאַנק, איין ווילען, איין פאַרלאַנג, מיט צוויי און זעכציג טויזענד דיסציפּלינירטע און ציעלבעוואוסטע קעמפּפער — איז דער אַ ר ב י י ט ע ר ר י נ ג.

⁂

„אַרבייטער אלער לענדער פאַראייניגט אייך!“ איז יעצט אַ צ ו ש אָ ס ע נ ע פראַזע, אָבער נישט קיין פּוסטע. מיר אַרבייטער אַליין קאָנען פאַרבינדען איהרע בלוטיגע וואונדען מיט אונזערע פאַרבאַנדען... און קאָנען איהר צוריק צוזאַמענקייטלען מיט אונזערע רינגען...

⁂

יעדערער פרעגט זיך נאָך, ווער איז געוועזן דער אַ ר כ י ־ ט ע ק ט פון דער פּראַכטפולער געביידע, אָבער קיינעם אינטערעסירט נישט צו וויסען ווע‍מעס הענד, שווייס און בלוט עס האָבען איהר אויפגעבויט... — אב. עפּשטיין.

⁂

נייע מעמבערס פאַר דעם ברענטש מיינט נישט נור קלענערע בילס, עס מיינט אויך אַ גרעסערע מאַכט.

⁂

וויסען איז מאַכט און אָרגאַניזאַציאָן איז קראַפט. אַ פאַראייניגונג פון ביידע צוזאַמען איז אונבעזיעגבאַר.

⁂

„גלויב און האָף!“ האָבען אונזערע אַלטע חכמים אונז געראַטען. מיר וועלען נור דערצו צולעגען — און קעמפּף!

# דער ארבייטער רינג אין די צווילינג שטעדט

ד. שייער

שוין א לענגערע צייט אז אין „פריינד" איז ניט בעריכטעט געווארען, וואס אונזערע ברענטשעס טוען, און דיעזעס וועט אויך ניט זיין קיין בעריכט אינסטראקטעט ביי א געוויסער קערפערשאפט אדער קאמיטע. עס וועט בלויז זיין א פערזענליכער איבערבליק, אויב מען קאן זיך אזוי אויסדריקען, אדער עס וועט זיין אן איבערבליק פון דעם פארשטעהער פון דער נאציאנאלער באארד. עס וואלט געווען, אין אלגעמיין, א גוטע זאך, דאס פון צייט צו צייט זאל יעדער דירעקטאר געבען אן איבערבליק, וואס טוען די ברענטשעס אין „זיין סטייט", פון דעם וועט די מעמבערשיפ ווערען בעקאנט מיט די ארבייט פון די אנדערע ברענטשעס און וועלען זיך איינסבייטען מיט די מיינונגען וועגען געוויסע פראגען און וועלען געווים לערנען איינס פון דאס צווייטע. איך וויל האפען, דאס אונזערע דירעקטארען וועלען דאך געפינען אביסעל צייט פאר דעם צוועק. אלזא צום פונקט:

### דער 25 טויזענד דאלאר פאנד פאר די מלחמה-ליידענדע אין אונזערע ברענטשעס.

אונזער דיסטריקט קאמיטע איז אויף דער וואך, און הערט זיך שטענדיג צו צו דעם רוף פון אונזער נאציאנאלען אפיס, אזוי האט אונז פאסירט לעצטען יאהר, ווען אונזער עקזעקוטיוו קאמיטע האט אונז אויפגעפאדערט דורכצופיהרען א „טעג-טאג" פאר די מלחמה-ליידענדע און מיר האבען זיך גענומען צו דער ארבייט, טראצדעם וואס דער 22טער פעברואר איז געווען א קאלטער טאג, ווען עס איז אונמעגליך געווען צו שטעהן אין סטריט, איז דאך געזאמעלט געווארען ארום $900. דיעזען יאהר, ווען דער רוף איז געקומען צו נעהמען אן אנטייל אין דעם 25 טויזענד דאלאר פאנד, האט די דיסטריקט קאמיטע פערופען א דזשאינט מיטינג אין מינעאפאלים און סט. פאול, וואו דיעזע פראגע צוזאמען מיט דער מעמבערשיפ קאמפיין פראגע איז בעהאנדעלט געווארען. עס איז אויך אפגעגעבען געווארען א בעריכט פון דער נאציאנאלער באארד'ס מיטינג. אונזערע מינעאפאליסער ברענטשעס האבען ארגאנזשירט א מאסקאראד באל. און נור א דאנק אונזער ליידיעס אוקזילערי איז דער באל געווען א סוקסעס. עס איז דערווייל אוועקגעשיקט געווארען פון מינעאפאלים $170.11. דאס איז דער גרעסטער פראפיט וואס מינעאפאלים האט ווען עס איז געהאט פון א באל. צווישען אייגענע מענשען מעג מען זאגען, דאס די מעמבערס פון אלע פיער ברענטשעס האבען זעהר ווע־ניג טיקעטס פערקויפט. די ליידיעס אוקזילערי מעמבערס האבען פערקויפט דריי מאל אזוי פיעל טיקעטס וויפיעל אלע פיער ברענטשעס פון מינעאפאלים צוזאמענגענומען. סט. פאול איז לעצטען יאהר אין דעם זעלבען קאמפיין געווען אונטערשטעליג אין פערגלייך מיט מינעאפאלים. דיעזען יאהר האבען זיי זיך פערמאסטען מיט מינעאפאלים און דאס איז א דאנק ברענטש 266. א ספע־ציעלען דאנק קומט זייער קאמיטע, וועלכע איז געווען זעהר טעטיג אין דער אונטערנעהמונג פון וועלכע זיי האבען געזאמעלט $143.39. ברענטש 578 ווידער האט געשיקט זיינע מעמבערס מיט 50 סענט און די ליידיעס אוקזילערי פון סט. פאול האט אויך אוועקגעשיקט $10.00. אלזא, דיזען יאהר האט זיך סט. פאול אויסגעגליכט מיט מינעאפאלים.

### דער מעמבערשיפ קאמיין אין אונזערע ברענטשעס.

ביי די דזשאינט מיטינגען איז אויך בעשלאסען געווארען צו צו געבען אונזער פולע „קוואטא" צו די צעהן טויזענד מעמבערשיפ קאמפיין און עס איז בעשטימט געווארען דאס זונטאג דעם 31טען מערץ זאל ארגאנזשירט ווערען אן ארבייטער רינג טאג אין די ביידע שטעדט. קאמיטעס זאלען בעזוכען די בעפעלקערונג מיט ארבייטער רינג ליטעראטור אום דערמיט צו אדווערטייזען דעם א. ר. און אויב מעגליך גלייך קריגען אפליקיישאנס פאר מעמבערס. אונזערע עלטערע מעמבערס האבען געקוקט אויף דעם בעשלוס פון אויבען אראפ און זיי האבען זיך ניט בעטייליגט אין דיזען טאג. אזוי איז געווען אין מינעאפאלים, דאס אנשטאט עס זאלען ארויסגעהן 22 פארלאך זענען ארויס געגאנגען פיער פארלאך, און די פיער פארלאך האבען געבראכט ביי א 25 אפליקיישאנס. דעמאלט האבען ערשט די - עלטערע מעמבערס געביטען זייער מיינונג וועגען דיעזען פלאן און ביי דעם לעצטען מיטינג פון דער דיסטריקט קאמיטע איז בעשלאסען געווארען דורכצופיהרען אזא א. ר. טאג אין ביידע שטעדט, דעם 12טען מאי. לאמיר האפען, דאס אונזערע מעמבערס וועלען זיך נעה־מען צו דער ארבייט און מאכען דעם טאג פאר אן ערפאלג.

אין אלגעמיין זענען די ברענטשעס טעטיג אין קריגען נייע מעמבערס. דער פלאן פון ברענטש 167 איז ווערט נאכגעפאלגט צו ווערען פון אנדערע ברענטשעס. דער פלאן איז ווי פאלגט: יעדער מעמבער פון ברענטש איז פערפליכטעט צו ברענגען אדרעסען פון זיינע פריינד, וועלכע ער דענקט אז זיי זענען פאסיג צו ווערען מעמבערס אין א. ר. א קאמיטע פון ברענטש געהט דאן אהין אוועק און רעדט זיך דורך מיט איהם ער זאל ווערען א מעמבער אין א. ר. דער פלאן איז זעהר א גוטער און מיט דער הילף פון די מעמבערס, דארף ער ארבייטען זעהר גוט.

### די ליידיעס אוקזילערי סאסייעטי פון א. ר. אין מינעאפאלים.

מיט א קורצע צייט צוריק איז אזא זאך ווי א ליידיעס אוקזי־ליארי סאסייעטי צום ארבייטער רינג געווען פרעמד אין אונזער גע־גענד, יעצט פערמאגט שוין אונזער דיסטריקט פיער אזעלכע סא־סייעטיעס אין פיער פארשיעדענע שטעדט. און די ערשטע פון זיי איז מינעאפאלים. עס איז דא ווערט צו דערמאנען, דאס עס האט גע־נומען יאהרען ביז אזא סאסייעטי איז ארגאניזירט געווארען, ווען דער שרייבער פון דיזע צייל[ע]ן איז געקומען צו דער ראטשעסטער קאנווענשאן פון א. ר. אין 1911 און האט זיך דאן בעקאנט מיט דער גוטער ארבייט פון דער ראטשעסטער „ליידיעס אוקזילארי סאסייע־טי פון א. ר." ספעציעל האט אויף איהם געמאכט א גוטען איינדרוק די ארבייט פון די פרויען פאר אונזער סאניטאריום, זיי האבען דאן פארקויפט א ספעציעלען באטען פיר אונזער סאניטאריום. פון יענער צייט ביז יעצט האב איך געשטרעבט צו ארגאניזירען א. ר. ליידיעס אוקזילאריעס אין אונזער געגענד. פארשיעדענע אנשטרענגונגען זיי־נען געמאכט געווארען אין דיעזער ריכטונג, אבער אהן ערפאלג. ענדליך זענען אונזערע פרויען ארויס פון געדולד און האבען גע־זאגט צו די מענער: אויב איהר מענער זענט שטענדיג ביזי און האט ניט קיין צייט אונז צו ארגאניזירען, וועלען מיר זיך אליין ארגאניזירען. גערעדט און געטאן. אין א שעהנעם שבת נאכמיטאג איז בעשאפען געווארען די ליידיס אוקזיליארי סאסייעטי פון א. ר. אין מינעאפאלים פון וועלכע עס איז שוין יעצט ארויסגעוואקסען איינע אין סט. פאול, דולוטה און אמאהא, נעבראסקא. די מינעאפא־ליסער סאסייעטי, מיט וועלכע איך בין מעהר בעקאנט ווי מיט די איבעריגע, טהוט גוטע ארבייט. אזוי ארגאנזשירען זיי פאר זייערע מעמבערס לעקטשורס פון דאקטוירים וועגען חיגיענע, מיט וועלכע די פרויען אינטערעסירען זיך זעהר שטארק. און ווען דער א. ר. אונטערנעהמט א געוויסע אונטערנעהמונג קומען זיי שטענדיג צו־הילף.

דער לעצטער סאניטאריום טאג אין מינעאפאלים פאר די מלחמת קרבנות איז געווען אן ערפאלג, א דאנק דער טעטיגקייט פון אלע זייערע מעמבערס, וועלכע האבען פערקויפט זעהר א סך טיקעטס צום באל. אין אלגעמיין האבען די פרויען בעוויעזען מיט זייער ארגא־ניזאציאן, אז עס איז ניט געווען קיין טעות פון די יעניגע, וועלכע האבען געדענקט אז מען דארף אזעלכעס האבען, דארטען וואו עס איז נור פאראן דער ארבייטער רינג. די ראדיקאלע קאלאניע ווינשט זיי לאנגע - גוטע יאהרען. אין אלגעמיין איז יעצט לעבעדיג אין מי־נעאפאלים צווישען אונזערע מעמבערס. מיר פיהרען אן אן ענערגי־שען קאמפיין ארייננצונעהמען נייע מעמבערס.

---

פריינדשאפט און ליכט, ליעבע און זון, געגענזייטיגע הילף — מאטעריעל און גייסטיג — דאס זיינען די ווינקעל-שטיינער פון **ארבייטער רינג.**



# פון אונזער קאָרעספּאָנדענץ-טיש



פר. ב. פּאַפּערנא, רעקאָרדינג סעקרעטער פון בר. 819, מייוואוד, איל., שרייבט אונז אַ ווארימע, ענטוזיאסטישע אָבער זעהר לאַנגע קאָרעספּאָנדענץ (און לאַנג איז זי דערפאר, וואס ער שרייבט צום ערשטען מאָל אַ קאָרעספּאָנדענץ אין „פריינד") פון דער קליינעד שטעדטעל נעבען שיקאגאָ. אינגאַנצען, שרייבט פר. פּאַפּערנא, געפינען זיך אין מייוואוד ארום 250 אידישע איינוואוינער און דאָך זיינען פערהאַן פיעלע אידישע אָרגאַניזאציאנען, ווי אגודת־אחים, אנשי־שלום, ציוניסטען, פּועלי ציון, מאַקאַבייער־קלאָב און נאָך. דאָך עקזיסטירט שוין דאָרט אויף דער א"ר ברענטש זייט ניין יאָהר, און פאר די לעצטע עטליכע יאָהד איז ער אויסגעוואקסען אין א מאַכט, הויפּטזעכליך צוליעב דעם, וואס ער האָט זיך אַריינגעווארפען אין דער רעליעף־אַרבייט פון דער „פּיפּעלס רעליעף קאָמיטע" און איז איבערהויפּט געווען דער איניציאַטאָר אין דער גאַנצער הילפס־בעוועגונג. שוין פאר צוויי יאָהרען האָט דיעזע פעראייניגטע אָרגאַניזאציע, וועמעס הויפּט טוער עס זיינען געווען די פראַטרעטער פון אַרבייטער רינג, באוויזען צו שאפען 1000 דאָלאר דורך אַ באַזאַר. דאָס האָט געבראכט דערצו, דאָס דער ברייטערער עולם האָט זיך אָנגעהויבען אויפמערקזאַמער צו בעציהען צו אונזער אַרבייט און נעהנטער בעקענען זיך מיט אונזערע אידעאלען און מ'האָט אָנגעהויבען אריינצוקומען אין אַרבייטער דינג, אזוי דאָס אנשטאט די 30 מעמבערס, וואס דער ברענטש האָט געהאט מיט צוויי יאָהר צודיק, האָט ער שוין יעצט ארום 100. מיר האָבען אויך אָרגאַניזירט אַ ראַדיקאלע שולע פאַר אונזערע קינדער, וועלכע האָבען זיך גענויטיגט אין דעם ווי אין לעבען און דאָס קליינוועלט פאר קיין זאך אין דער וועלט שוין נישט געוואָלט שיידען זיך מיט איהר, אזוי איז זיי די שוהלע איינגעבאַקען אין הארצען. דיעזעד פאקט, וואס די שוהלע איז געווארען א קאָנקורענט צו דער פאַרצייטיגער תלמוד־תורה, אויך דער פאקט, וואס מיר זיינען געווארען די שטאַרקסטע אידישע אָרגאַניזאציאן אין מייוואוד, האָט געגען אונז דערוועקט דעם גרימצאָרען פון די כלי־קודש און זיי האָבען אָנגעהויבען מיט אונז א הייליגע מלחמה. מיר האָבען פריהער „געמיטעט" אין איינעם פון זייערע „אויך־מיר־האָלס", יעצט האָבען זיי אונז פון דאָרט מחרים געווען. מיר זיינען אלזא געצוואונגען געווען אָבצוריכטען אַ צייט גלות, ביז מיר האָבען יעצט אָבגעדונגען א סטאָר און עס געמאכט פאר אונזערע העד־קוואדערס און מיר האָבען דאָרט אויך אונזער שוהלע, וועלכע ווערט אַלץ פּאָפּולערעד און נוצבאָדער מיט איהר וויכטיגער טעטיגקייט און ערציהונג פון אונזער קליינוואָרג. מיר האָבען שוין אָנגעשטעלט אויך קאָמפּעטענטע לעהרער און מיר קלויבען זיך גאָר אין גיכען אויסצובויען אונזער אייגענעם לייבאָרלייסעאום. מיר זיינען זיכער דאָס מיר וועלען עס אין גיכען אויספיהרען אויך. מיר וועלען קריגען די געלד און די מיטלען, ווייל מיר האָבען דעם ווילען און דעם נויטיגען ענטוזיאזם.

---

פר. מאָרים ווינגראַד, אונזער קאָרעספּאָנדענט פון בר. 269, שעבויגען, וויסק., שרייבט אונז:

מיר האָבען זיך נישט צו שעהמען מיט אונזער טעטיגקייט. אונזער ברענטש בעשטעהט יעצט פון 60 מעמבערס און פאַרמאָגט אַן אייגענע לייברערי, אַן אייגענעם דראמאטיק־קלאָב, וואָס שפּיעלט אָפט, און יעדען פרייטאג אווענד האָבען מיד פאָרלעזונגען, דורכגעפיהרט דורך פר. מאָרים יאפפע. אויך האָבען מיר אונזער אייגענעם קראַנקען־פאָנד, וואס ווערט פעדוואָלטעט אויף אַ גוטען אופן. אַ דאַנק די טעטיגקייט פון פריינד ב. רודניק האָבען מיר געפייערט אונזער 8-יעהריגען יובילעאום פון אונזער עקזיסטענץ און עס איז געבליבען נאָך 50 דאָלאר פּראָפיט, פון וועלכע אַ טייל וועט געהן פאָר אַן „אייגענער היים". מיד האָבען אויך געהאט א טאַנץ־אווענד צו דער סאַניטאריום־ערעפענונג און דער גאַנצער פּראָפיט געהט פאַר די מלחמה ליידענדע. מיך האָבען אויך געהאַט אַ לעקטשור דעם 10־טען פעב. מיט דד. גודעוויטש. אלזאָ, מיר האָבען זיך ניט וואס צו שעהמען מיט אונזעד ארבייט און מיר האָפען דאָס אונזערע ניי־ערוועהלטע אָפיסעדס, פד. וו. קאָהן, פינ. סעק., פד. דובין, רעק. סעק., פד. וועקשטיין, טרעזש., און מיסטער ווילענקין, האָספּיטעלער, וועלען ווייטער פאָרטזעצען די גוטע אַרבייט פון די פריהעדדיגע אָפיסערס.

---

פר. דזש. שטערען, פינ. סעק. פון בר. 263, פּאָרטלאַנד, אָרעגאָן, שדייבט אונז:

די רעליעף ארבייט האָט אונזער קליינעם און פאַרשלאָפענעם ברענטש אויפגעוועקט און אריינגעבלאָזען אין אונז אַ נייעם גייסט. מיר האָבען געמאכט אן אונטערנעהמונג פאר די מלחמה קרבנות מיט א ריינעם פּראָפיט פון 150 דאָלאר. מיר וואלטען אָבער דעם ערפאָלג קיינאָמל ניט געמאכט, ווען נישט עטליכע פערזאָן, וועלכען האָבען זיך געווידמעט צו דיעזער הייליגער ארבייט און זאלען אלע אונזערע מעמבערס איבערן גאנצען לאנד וויסען ווער זיי זיינען: מרס. ט. נעראָד, מרס. ל. גרינבערג (אפילו אליין נאָך דערווייל נישט קיין מעמבערין, דאָך האָט זי פארקויפט אליין 250 טיקעטס), דער יונגער פּאָלאק, וואס האָט בייגעטראָגען זיינע מוזיקאַלישע פעהיגקייטען און פד. דזשייקאָבסאָנס בייטראָגענדיג דאָס די אונטערנעהמונג זאָל זיין א סוקסעס.

---

פר. דזשיי. ניערבאָך, סעק. פון טשערניגאָווער בר. 543, ניו יאָרק, שריובט:

זייט דער רוף פאר נייע צעהן טויזענד מעמבערס איז געגעבען געווארען פון דזשענעראל אָפּיס איז אונזער ברענטש לעבעדיג געווארען. מיר פיהרען אָן אן ענערגישען מעמבערשיפּ־קעמפּיין און טהוען דאָס בעסטע, וואס מיר קענען פאר דעם 25־טויזענד דאָלאר פאָנד פון די מלחמה קרבנות. זייענדיג א פּראגרעסיווער ברענטש רופען מיד זיך אָפּ פרייגעביג אויף אַלע אויפפאָדערונגער פאר שטיצע פון די וויכטיגע אינסטיטוציאנען לויט דעם אלגעמיינעם גייסט פון ארב. רינג. אויף אונזער לעצטען מיטינג האָבען מיר, צווישען אַנדערע באַשליסע, אויך אָנגענומען פאָלגענדע: איינצופיהרען דריי דאָלאר א וואָך ע ק ס ט ר אַ סיק־בענעפיט, צו פּרינטען קאלענדארס מיט די דייטס פון די מיטינגען און די נעמען און אַדרעסען פון די מעמבערס. אויך האָבען מיד, אין אנערקענונג פון די וויכטיגע ארבייט וואס אונזערע עקס־בעאמטע י. ל. און נ. פריעד האָבען געטון, בעשלאָסען צו פּרעזענטירען זיי מיט דעם סעט ביכער פון דער קאָרל מארקס געזעלשאפט. פאר אונזערע טשערניגאָוועד פּראָגרעסיווע לאָנדסלייט איז יעצט גרינגער ווי אלעמאָל זיך אָנצושליסען אָן אונזער ברענטש, ווייל מיר נעהמען יעצט אַריין נייע מעמבערס מיט איין קוואָרטאָל דיוס אינגאנצען פריי.

די פּרעס־קאָמיטע פון בר. 314, פריינד פינקעלשטיין, קאַנטער און פריינדין ראוז ברוידע שרייבען אונז: כאָטש ניט לאַנג צוריק איז אונזער פאַרוויילונגס־שטעדטעל, קוני־איילאַנד, געוועזן נור אַ פּלאַן צו ספּענדען געלד און צו מאַכען געלד פונדעסטוועגען איז שוין יעצט די אידישע באַפעלקערונג ביי אונז גאָר ניט צו דערקענען. נאַטירליך, מיר האָבען גלייך ניט געקענט נעהמען מיט שטורם דעם עולם, פאַרזיכטיג האָבען מיר געטאָן אונזער אַרבייט, פריהער אַן „עדיוקיישאָנאַל עלייענס" — ערשט שפּעטער מיט אַ האַלב יאָהר, אַן ס. פּ. ברענטש, וועלכער האָט שוין אָנגעפיהרט אַ סיסטעמאַטישע פּאָליטישע און ערציהונגס־טעטיגקייט, און נאָך פיעלע אָנשטרענגונגען האָבען מיר דערלעבט אַוועקצושטעלען אַן אַרבייטער־רינג ברענטש. אונטער דער אָנפיהרונג פון דער נאַצ. עקז. קאָמיטע האָבען מיר דעם 15טען דעצעמבער לעצטען יאָהר אינסטאָלירט אונזער ברענטש, וואו די פריינדע עפּשטיין, דינערשטיין, אַלטמאַן און די איבעריגע, וועמענס נעמען מיר געדענקען ניט, אָבער וועמענס פּערזענליכקייטען מיר וועלען ניט פאַרגעסען. דערווייל איז נאָך אונזער רינג יונג, אָבער מיר באַוועגען זיך גיך און ערפאָלגרייך. ניט לאַנג צוריק האָבען מיר געהאַט אַ קאָנצערט און מאַס־מיטינג אויף וועלכען פריינד צוקער איז געוועזן אונזער פעסט־רעדנער און אין אַ גלענצענדען אַפּיעל גערופען אונזערע פערזאַמעלטע אַריינצוטרעטען אין אר. רינג. אַלס אַ רעזולטאַט דאַרפון האָבען מיר אַריינגענומען אַ היפּשע צאָל נייע מעמבערס און אַ דורכגעפיהרט די אונטערנעהמונג צופריעדענשטעלענד. די קרעפטען, וועלכע האָבען געליסטעט זייער בעסטעס פון בר. 500 דראַמאַטיק קלוב, פריינדינע לעווין, פר. פרענקעל, און די פריינדינען מרס. באול און ראוז ברוידע, האָבען זיך גוט אויסגעצייכענט און מיר דריקען מיט דיעזען אויס אונזער הערצליכסטען דאַנק.

---

פר. טורעצקי, סעקרעטער פון דער ווירדזשיניא דיסטריקט קאָמיטע שרייבט:

מיר האָבען זיך רעאָרגאַניזירט און מיר פּלאַנעווען אויפצוטאָן אויפ'ן געביט פון אָרגאַניזאַציאָן און פאַרשטאַרקען אונזערע ברענטשעס. אויף אונזער לעצטען מיטינג האָבען מיר באַשלאָסען צו פּרובירען זיך גרינדען אַ ברענטש אין פּיטסבורג, ווירדזשיניאַ, מיין אַדרעס איז: א. טורעצקי, 415 נ. סמיטה סטריט, ריטשמאָנד ווא.

פריינדינע מרס. דעלעבאָווסקא פון ברענטש 315 באָראָ באַרק, ברוקלין, שרייבט:

מיר האָבען אַ דורכגעפיהרט אַ קאָנצערט, באָל און אַ באַזאַאַר פאַר די מלחמה־קרבנות און געמאַכט 154.65$ פּראָפיט. עס קומט קרעדיט די זיבענער קאָמיטע פאַר איהר איבערגעגעבענער אַרבייט. אין איהר זענען אַריין: פר. גאָרדין, פר. דעלעבאָווסקא, פר. וויינטרויב, פר. עליש, פר. סאַפּרין און פריינדינע מרס. דעלעבאָווסקא. גלייכצייטיג ווילען מיר זיך בענוצען מיט דער געלעגענהייט און הערצליך דאַנקען אַלע פרייוויליגע קרעפטען, ווי ב. קאָוונער, לאַטוואַק, מיס פּריכאָרגען און מיס לוינער, ווי אויך די אַלע יעניגע ביזנעס־לייטע פון באָראָ פּאַרק וואָס האָבען בייגעשטייערט מיט זייערע פרייגיביגע דאָנייש'אָנס.

---

פר. י. פאַרבער, סעקרעטער פון דער סיטי־קאָמיטע פון לאָס אַנדזשעלעס גיט אונז איבער אַן איבערבליק אויף דער אַרבייט פון דער קאָמיטע און שרייבט:

די סיטי־קאָמיטע אונזערע האָט געפיהרט אַ ברייטע אויפקלערונגס־אַרבייט אין די ברענטשעס אין בעצוג דער פראַגע פון „רייטס" און דער רעזולטאַט איז געוועזן דאָס 114 האָבען געשטימט פאַר און נאָר 3 געגען. זי אַרבייט האַנד־אין־האַנד מיט דעם אידישען סאָצ. פּאַרטיי־ברענטש און האָבען צוזאַמען אַראַנזשירט די פייערונג פון דעם סאָציאַליסטישען זיעג אין די נאָוועמבער עלעקשאָנס. זי האָט אויך צוזאַמען מיט אַ קאָמיטע פון „בונד" געפייערט דעם גרויסען יום טוב פון דעם 20 יעהרליכען יובילעאום פון בונד. זי האָט געפיהרט אַן אַגיטאַציע, מ'זאָל זיך מעהר אינטערעסירען מיט דער קאָנסומערס־ליעג און מיט דעם לאָס אַנדזשעלעס סאַניטאַריום. די סיטי־קאָמיטע האָט אויך געעפענט אַן עמפּלאָימענט ביוראָ פאַר געקומענע מעמבערס פון אַרבייטער רינג, וואָס זוכען אַרבייט, צוזאַמען מיט דער רעליעף קאָמיטע. מיר האָבען אויך געהאַט שלום אש'ן אויף צוויי לעקטשורס, כאָטש דאָס האָט געקאָסט אַן אונגעהויערע סומע פון 225$ דאָך האָבען מיר צו דעם קיין געלד ניט דערלעגט און מעגליך נאָך, דאָס עס וועט פערבלייבען עטליכע דאָלאַר. מיר האָבען געהאָלפען די דזשאָנק פּעדלערס פּראָטעקטיוו אַססאָסיאיישאָן אין זייער אונטערנעהמונג פאַר אַ קראַנקען מעמבער. מיר האָבען זיך אינטערעסירט אין דעם סכסוך פון די צוויי עקזיסטירענדע קאַנדיי־סקולס און מיר האָבען ערוועהלט אַ קאָמיטע אונטערצוזוכען און מאַכען שלום, ווען מעגליך. מיר העלפען דעם פּראָגרעסיוו מוזיק און דראַמאַטיק קלוב אין זיין קולטורעלער אַרבייט און מיר האָבען אויפגעפאָדערט אונזערע מעמבערס אָנצושליסען זיך אָן דיעזער וויכטיגער אינסטיטוציאָן. אַ ספּעציעלען אינטערעס האָט אונזער קאָמיטע גענומען אין אונזער מעמבערשיפּ קאַמפּיין. מיר האָבען בעזוכט אַלע ראַדיקאַלע אָרגאַניזאַציאָנען און געפיהרט אַן אַגיטאַציאָן דאָס זייערע מעמבערס זאָלען אַריין אין אַרבייטער רינג און עס איז אונז געלונגען צו טראַנספאָרמירען די גרופּע „אַרבייטער־פריינד" אין אַן אַרבייטער רינג ברענטש. מיר האַלטען נאָך יעצט אויך אָן די אַרבייט און מיר האָפען צו גרינדען אַן אַרבייטער רינג ברענטש אין לאָנג־ביטש. מיר אַרבייטען אויך צו פערווירקליכען דעם טרויס פון אונזערע ברענטשעס אין לאָס אַנדזשעלעס וועגען אַ לייבאָר לייסעאום. אַ לענגערע אַרבייט איז אָנגעפיהרט געוואָרען אין פערקויפען די סטעמפּס וואָס מיר האָבען אַרויסגעלאָזען אין דעם קאַמפּיין פאַר דעם אַר. רינג רעליעף פאַר די מלחמה קרבנות' פאַר 25 טויזענד דאָלאַר און מיר מעגען זיך גראַטולירען, דאָס אונזערע שווערע אַרבייט איז ניט געוועזן אומזיסט, עס איז געווען אַ גלענצענדער ערפאָלג. אויף אונזער ספּעשעל מיטינג פון די פערשיעדענע נאָמינירטע דעלעגאַטען צו דער קאָנווענשאָן אין פּיטסבורג האָבען מיר זיך געאייניגט אויף פר. גאָלדפיין אלס דער פּאַסענדער דעלעגאַט.

---

פר. ס. באַסקין, פון בר. 198 האָבאָקען, נ. דזש. שרייבט אונז:

מיר קלייבען זיך צו פייערען דעם 10 יעהריגען יובילעאום פון דער עקזיסטענץ פון אונזער ברענטש מיט אַ גרויסאַרטיגען קאָנצערט און באַנקעט, וואָס מ'וועט איהם האָבען צו געדענקען. מיר לאַדען איין די פאָרשטעהער פון אַלע ברענטשעס אין האָדסאָן און בוירגען קאָונטיס און פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע. און מיר ווילען האָבען ווירקליך מיט וואָס צו פרעהען זיך: פאַר די 10 יאָהר האָבען מיר פאַרצעהנפאַכט אונזערע רייהען — פון די 14½ מעמבערס (איינער איז געווען אַ צווייפעלהאַפטער, אין 1908 ווען מיר האָבען זיך געגרינדעט, האָבען מיר יעצט 150 מיט אַ פאַרמעגען פון 600$ און האָבען אַ לאָאָן פאָנד, וועלכער פערלייכטערט אין פיעלע הינזיכטען די שווער־געדריקטע מעמבערס מיט זיינע ליבעראַלע און גרינגע אָבצאָהלונגען. דערביי איז די אידישע בעפעלקערונג קליין און זייענדיג נעבען דער קאַביגער ניו יאָרק זעהט זי זיך כמעט גאָר ניט אָן. דער עלעמענט איז אַן אונגעווינשטער, וועלכער איז טאַקע פּאַסענד פאַר דעם דאָזען פאַרשיעדענע קאָנסערוואַטיווע „ברית'ן" און פאַראיינען אָבער ניט פאַר'ן אַרבייטער רינג. מיר האָבען אַלזאָ געזיפּט אונזער מעמבערשיפּ, צו אונז געהט אַריין דער ריינסטער, אויסגע־

קליעבענסטער און ווינשענסווערטסטער עלעמענט, וואָס מיר האָבען אין האָבאָקען, און דאָס איז טאַקע די אורזאַכע פאַר וואָס אונזער ברענטש שטעהט אויך אויף דער הויך פון די אידעאַלע ציעלען, וואָס דער אַרבייטער רינג האָט זיך געשטעלט. מיר שטיצען אַלעס, וואָס האָט צו טהאָן מיט דער אַרבייטער בעוועגונג — די פּרעסע, דעפענס־פאָנדען, סטרייק־פאָנדען, די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, און מיר האָבען טאַקע געהאָלפען, דאָס ביי אונז זאָל צוריק אויפגעשטעלט ווערען אַ ברענטש פון דער אידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע און ער האָט שוין יעצט אַרום 50 מעמבערס. מיר נעהמען אַ טיכטיגען אַנטייל אין דער רעליעף־אַרבייט און מיר האָבען עס אויף קיין איין טאָג ניט אויפגעגעבען אגן פאַר'ן אר. ר. 25 טויזענד דאָלאַר פאָנד האָט אונזער ברענטש בייגעשטייערט $147.00. אין אַלגעמיין, העלפען מיר אויך אַלע אונגליקליכע, אונבעהאָלפענע, קראַנקע, אונמעכטיגע וואָס ווענדען זיך צו אונז פון אַנדערע ברענטשעס נאָך שטיצע. מיר צאָהלען אונזערע מעמבערס 3 דאָלאַר עקסטראַ סיק־בענעפיט, אָבער וואָס איז נאָך פיעל וויכטיגער, מיר האַלטען זיך אין דער געזונטער, ערפרישענדער אַטמאָספערע פון אמת'ע פריינדשאַפט אין אַרבייטער אידעאַלען. אַלס סעקרעטער פון דער אָרגאַניזמענט קאָמיטע קען איך נור ווינשען דאָס ווען מיר וועלען פייערען דעם 15 יעהריגען יובילעאום זאָלען מיר צו איהם קומען מיט 250 מעמבערס און דער גייסט פון אַרבייטער רינג זאָל אימער שוועבען איבער אונזער טעטיגקייט.

## וועגען דער פראַגע פון אידיש.

ערלויבט מיר אַ שטיקעל פּלאַץ צו ענטפערען פריינד שייפער פון באַפאַלאָ צו דער קריטיק פון די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע.

ער זאָגט, וועלכער מעמבער קאָן אַרויסרעדען דאָס וואָרט געאָלאָגיע, און זיין צונג זאָל זיך ניט פערפּלאָנטערען? דענקט ווירקליך פר. שייפער אַז דער אַרבייטער רינג איז צוזאַמענגעשטעלט פון אַזוינע עמי הארצים וואָס זאָל ניט קענען אויסרעדען אַזוי איין וואָרט? יאָ, איך וועל צוגעבען אז אַזוינע זיינען פאַראַן, אָבער ניט אַלע, פריינד שייפער, און אייך אַרט ניט אַז מען יאָ לערנען, נאָר וואָס דען, אין אַנדערע שפּראַכען. מעג זיין רוסיש, מעג זיין דייטש, אָבער חס וחלילה אין אידיש.

פריינד שייפער, דיינקט איהר ניט, אַז ווי אַמעריקאַניזירט איהר זאָלט ניט זיין, וועט איהר אין אידיש דאָך בעסער פערשטעהן, איך בין זיכער, אז יאָ. און איהר זאָגט ווייטער, דאָס דער טראָבעל איז, וואָס מיר האַלטען דעם דורכשניטליכען מעמבער פיר אַ גרינעם, פריינד שייפער, דער וואָס בעלאַנגט צום אַרבייטער רינג איז שוין גאָר קיין גרינער ניט. וואָרום וואָלט ער געווען אַ גרינער, איז דאָ גענוג בעלי הבתי'שע אָרדענס וואָס ער קען בעלאָנגען, ער בעלאָנגט צום אַרבייטער רינג, ווייל ער איז איבערצייגט, דאָס דער א. ר. איז דער איינציגער אָרדען, פון און פאַר דעם אַרבייטער. אמת, די עדיוקיישאָן קאָמיטע טאָר ניט באַלד צוטרעטען, מיט אַזוינע הויכע וויסענשאַפטען ווי די דריי אויסגערעכענטע. מען מוז אָנפאַנגען פון אָן עלעמענטאַרע בילדונג, אָבער פאַר וואָס ניט אין אידיש? ווייל פריינד שייפער איז אַזוי דאַגעגען? וואָרום זאָל ער עפּעס פערגעסען זיין שפּראַך? דערפאַר ווייל די קינדער אַרום איהם רעדען ענגליש? אַלעס איז ענגליש; שרייט ער אויס, און איך וועל זאָגען אין דער שטיל אָבער מיט שטאָלץ, דער אַרבייטער רינג איז אידיש. די געפּראַקטיצירטע כאָצ. סונדעי סקולס טויגען ניט. די נאַציאָנאַל ראַדיקאַלע שולע, דאָס איז דער ענטפער אויף דער גרויסער ביטערער פּראָבלעמע, וואָס ביי אונז אידען איז דאָ צוויי וועלטען אין איין הויז, צוויי בעזונדערע וועלטען. דער אַרבייטער רינג דאַרף, און מוז אָנווענדען אַלע מעגליכקייטען, פאַר ענטוויקלען דעם געשמאַק אין זיינע מיטגליעדער, פאַר די אידישע ליטעראַטור.

ס. עפּשטיין, מעמבער בר. 61 טאָראָנטאָ.

## כללים פאַר אידישען אויסלעגע.

זונטאג, דעם 5טען מאַי, איז אין פּאַסיפיק האָל, 209 איסט בראָדוויי, ניו יארק, פאָרגעקומען די ערשטע זיצונג פון דער גרויסער בעראַטענדער אָרטאָגראַפּישער קאָמיסיע. אויף דער זיצונג האָט די וויסענשאַפטליכע קאָמיסיע פאָרגעבראַכט א רייהע רעקאָמענדאַציעס. און עס זיינען אָנגענומען געוואָרען פאָלגענדע בעשלוסען בנוגע דעם אידישע אויסלעגען:

### ליסטע נומער 1.

(בעמערקונג: די אַלע וויטשערדיגע כללים זיינען ניט נוגע ווערטער פון העברעאישער אָפּשטאַמונג און אייגעננעמען, גענומען פון פרעמדע שפּראַכען.)

כלל א. — מען שרייבט קיינמאָל ניט קיין שטומען „א" אין סוף פון וואָרט. מען שרייבט: די, ווי, זי, זיי, אזוי א. ד. ג.

כלל ב. — מען שרייבט קיינמאָל ניט קיין שטומען „ה" נאָך אַ „ט". מען שרייבט: טיר, טייל, טייער, טוי, טעאַטער, טעאָריע, טראָן, ווערטפול א. ד. ג.

כלל ג. — אין אַלע ניט העברעאישע ווערטער ווערט דער קלאַנג „כ" בעצייכענט מיט „כ" (ניט מיט „ח"). מען שרייבט: כאַפּען, כריין, כאָטש, כאָר, פּסיכאָלאָגיע, מאַכמעדאַנער א. ד. ג.

כלל ד. — מען שרייבט ניט קיין טאָפּעלטע קאָנסאָנאַנטען אין אַ וואָרט. מען שרייבט: אַלע, קלאַס, הער, ווילען א. ד. ג.

אויסנאַהם: ווען די פאַרטאָפּלונג קומט פאָר דורך דער פאַראייניגונג פון צוויי ווערטער, אָדער פון אַ פאָרזילבע מיט אַ וואָרט, און דאָס ערשטע וואָרט אָדער פאָרזילבע ענדיגט זיך מיט דעמזעלבען אות, מיט וועלכען דאָס צווייטע וואָרט הויבט זיך אָן, שרייבט מען ביידע גלייכע אותיות. אַזוי שרייבט מען: אייגעננאָמען, פּיררויט, פאַרריכטען, אָרויפפאַלען, אָפּפּוצען א. ד. ג.

כלל ה. — אין דער ניטאַקצענטירטער פאָרזילבע „פאַר" שרייבט מען אַלע מאָל אַן „אַ" (ניט קיין „ע"). מען שרייבט פאַרבאָטען, פאַרברעכען, פאַראיין, פאָרדרוס, פאַרגעניגען, פאַרמיידען א. ד. ג.

כלל ו. — אין די פאָרזילבען „אָפּ" און „אַראָפּ" שרייבט מען אַלע מאָל אַ „פּ" (ניט קיין „ב"). מען שרייבט: אָפּענטפערן, אָפּעסען, אָפּזאָגען, אָפּברענען, אָפּפרעגלען, אַראָפּגיסען, אַראָפּוואַרפען, אָראָפּפיהרען, געה אָפּ, קריך אַראָפּ א. ד. ג.

כלל ז. — אין דער פאָרזילבע „אַוועק" שרייבט מען אַלע מאָל אַ „ק" (ניט קיין „ג"). מען שרייבט: אַוועקאיילען, אַוועקגעהן, אַוועקלעגען, אַוועקשטעלען א. ד. ג.

די וויסעשאַפטליכע קאָמיסיע פאַר אידישער אָרטאָגראַפיע,
א. האַרקאַווי, דר. י. יאַפּע, יהואש, אברהם רייזען,
י. לעווין, סע., 1400 קלינטאָן עוו., בראָנקס, נ. י.
פאַר דער בעראַטענדער אָרטאָגראַפּישער קאָמיטע,
דר. י. א. מעריסאָן, פּאָרזיצענדער.

## פּראָטעסטירט געגען נפתלי'ס פעליעטאָן.

ווערטהער רעדאַקטאָר פון „פריינד".

ערלויבט מיר צו מאַכען אַ פּאָר בעמערקונגען וועגען אַן אַרטיקעל אין לעצטען נומער „פריינד".

אין לעצטען נומער „פריינד" איז געווען געדרוקט אַ „פעליטאָן" פון פריינד נפתלי, אין וועלכען ער זאָגט צווישען אַנדערעס: „אי ס'האָט דאָך געקענט זיין, אַז די גרויסע בענעפיטס נעהמען זיך דערפון וואָס האָט געבושעוועט די „גריפּ" אדער ס'איז גלאַט געוואָרען סלעק אין איניגע טריידס..."

אָט די קאָפּולער אָנצוהערעניש איז מיר שוין אויסגעקומען צו הערען ניט איינמאָל, אָבער איך האָב זיך ניט פאָרגעשטעלט, אַז אַזעלכעס זאָל דערלאָזען ווערען אין אונזער אָרגאַן. מילא אַז אימיצער זאָגט אַזעלכעס מינדליך, קאָן מען איהם דאָס מויל ניט צומאַכען, אָבער שריפטליך, קאָן דאָס געוויס קאָנטראָלירט ווערען, אַז ניט יעדער איינער זאָל האָבען די מעגליכקייט צו מאַכען בלבולים און בעשולדיגונגען געגען דעם מעמבער וואָס נעהמט דעם בענעפיט, נאָר אויך געגען דאָקטאָר און האָספּיטעלער און די קאָמיטע לייט וואָס בעזוכען דעם קראַנקען מעמבער. י. וואַנאַיעוו, מעמבער בר. 548.

בעמערקונג פון דער רעדאַקציע:

דאָס וואָס עס איז ניט ערלויבט אַ פּשוט'ן בשר ודם איז אָבער ערלויבט אַ פעליטאָניסט. די רעדאַקציע האָט קיין שום שליטה ניט אויף דיזער מחיצה...

## בילדונגס גרופּען.

ווערטהער פריינד רעדאַקטאָר:

ערלויבט מיר צו זאגען א פּאָר ווערטער אין בעצוג צו די בילדונגס ארבייט אין ארב. רינג, איבערהויפּט וועגען דעם ארבייטער רינג פאָלקס אוניווערסיטעט.

עס איז ווירקליך א גאנץ שווערע געשיכטע אָנצופיהרען סיסטעמאטישע בילדונגס ארבייט צווישען די ארבייטער רינג מעמבערס, נעהמענדיג אין אנבעטראכט דעם גרויסען צאָהל מעמבערס וועלכע זיינען פערשפּרייט און צעוואָרפען איבער גאנץ אמעריקא, וועלכע האָבען דורכגעמאכט פערשיעדענע פארמען פון בילדונג, זיינען אונטער פערשיעדענע אומשטענדען און איבערהויפּט נאָך ווען מען נעהמט אין אנבעטראכט די נויטיגע סומע געלט וועלכע עס איז נויטיג צום אָנפיהרען אזא ארבייט, און דריבער ערקלערט זיך דאָס נאָך די אלע אָנשטרענגונגען וועלכע דער ארב. רינג האָט געמאכט אין דיזען הינזיכט, האָבען מיר נאָך אלץ ניט קיין בעשטימטע פארמע פון בילדונגס ארבייט וועלכע זאל אלעמען צופריעדען שטעלען און וועלכע זאל מאכען דעם געווינשטען ערפאָלג.

דער פערזוך פון צוגעבען קורסען דורך קאָרעספּאָנדענץ וועלכע דער ארב. רינג האָט אונטערנומען איז א גאנץ ווינשענסווערטהע ערשיינונג און דארף פון יעדען אונטערשטיצט ווערען, ווייל ערשטענס צאָהלט יעדערער פּערזענליך פאר זיין בילדונג, וועלכע ער קריגט און דאָס פערגרינגערט די געלט פּראָבלעמע, און צווייטענס קען זיך יעדער אויסקלייבען צו שטודירען די פראגען וועלכע אינטערעסירען איהם אמבעסטען, און ווען די ארב. רינג מעמבערס זאלען זיך אָפּרופען אויף דעם ווי געהעריג איז בין איך זיכער אז דאָס וועט מאכען מעגליך אז יעדען יאהר זאָל קענען צוגעגעבען ווערען נייע קורסען און נייע סאָבדזשעקטס.

איך וואָלט פּארגעשלאָגען אז די ארב. רינג ברענטשעס אין יעדער שטאָדט זאלען גרינדען קליינע גרופּען, לאָמיר זאגען, פון 10 מיטגליעדער אין יעדער גרופּע, און נעהמען איינעם אָדער צוויי סאבדזשעקטס און קריגען א פּערזאן וועלכער זאל קענען אָננעהמען די ארבייט פון פיהרען און ארויסהעלפען דער גרופּע, געבען זיי פערשיעדענע ערקלעהרונגען ווען נויטיג און רעקאָמענדירען זיי וואס צו לעזען וועגען דעם געוויסען סאבדזשעקט.

איך וואָלט אויך פארגעשלאָגען אז די עדיוקיישאָן קאָמיטע זאל מאכען שעהנע דיפּלאָמאס וועלכע יעדער זאל קריגען ווען ער וועט דורכמאַכען א געוויסען עקזאמען אין דעם סאבדזשעקט וועלכען ער האָט געלערענט.

האָפּענדיג אז די מעמבערס וועלען ארויסזאגען זייער מיינונג וועגען דעם און דאָס די עדיוקיישאָן קאָמיטע וועט דאָס נעהמען אין אכט, פערבלייב איך אייער ערגעבענסטער,

מאָריס געלמאַן,
מעמבער פון ברענטש 220, טאָראָנטא.

---

## וועגען א פּאַראייניגונג פון ברענטשעס.

די גרעסטע צאָהל ברענטשעס אין ארב. רינג געפינען זיך אין גרייטער ניו יארק, און יעדער ברענטש אין לאָקאַלע אנגעלעגענהייטען איז א וועלטעל פאר זיך. דער דזשענעראל אָפּיס איז אימער ביזי מיט קאָרעספּאָנדירען און דורכפיהרען ביזנעס מיט יעדען ברענטש באזונדער. אין דער צייט, ווען די עמיגראציאָן איז געווען שטאַרק, דאן איז ביי יעדען געווען וויכטיג צו בעלאנגען ערגעץ צווישען לאַנדסלייט און אזוי פלעגט יעדע וואָך אויסוואקסען שפּאָגעל נייע ברענטשעס אין ארב. רינג, מיט נעמען פון שטעדט און שטעדטלאך, צו וועלכע די מיטגליעדער האָבען געהאַט א שייכות. יעצט זיינען די אומשטענדען און די צייט גאנץ אַנדערש און עס פאָדערט זיך געוויסע ענדערונגען, ווי צום וואָהל און בעסטען פאר די קלענערע ברענטשעס, אזוי אויך פאר דעם גאַנצען ארדען. פיעלע ברענטשעס פון ארב. רינג לעבען יעצט דורך א שטילשטאַנד. מעמבערס קומען וועניג צו, ביסלעכווייז קומען אָפּ מעמבערס דורך די דרעפּטס. דער קוואל פון וואנען מעהרסטע מעמבערס פלעגען אריין אין די לאנדסלייט ברענטשעס איז אויסגעשעפּט. (פיליוכט אויף אימער?) זעהר וועניג מעמבערס קומען צו מיטינגען און עס טרעפט זיך גאנץ אָפט, אז א בר. פון איבער 100 מיטגליעדער קען אפילו קיין מיטינג ניט אָבהאַלטען ווייל עס קומט ניט אפילו א קוואָרום. אין אזא צושטאַנד געפינען זיך פיעלע ברענטשעס און עטוואס מוז געטון ווערען צו פארבעסערען דיעזע אוננאָרמאלע סיטואציאָן. עס וואָלט געווען א גוטער פּלאן צו פאראייניגען אייניגע ברענטשעס צוזאמען. אזעלכע פאראייניגונגען קענען האָבען אַן עקאָנאָמישע, מאָראלישע און גייסטיגע ווערט פאר אונזערע מיטגליעדער, ווי אויך פּאַרשפּאָרען צייט און איבעריגע עקספּענסעס דעם דזשענעראל אָפּיס. די עקאָנאָמישע איינשפּאָרונגען פון 4 אָדער 5 ברענטשעס צוזאמען קען זיין מעהר ווי העלפט פון דעם, וואס יעדער ספּענדט בעזונדער, ווי צום ב. ש. איין מיטינג לאָקאל, געהאלט פאר בעאַמטע, סטיישאָנערי, פּרינטינג און אַנדערע קלענערע עקספּענסעס, וועלכע קען געשפּאָרט ווערען. דאָס זעלבע איז אין בעצוג צו אונטערנעהמונגען: עס וועט פארזיכערען אַן ערפאלג מיט פיעל וועניגער עקספּענסעס. צוליעב דעם וואס פיעלע ברענטשעס וועלען שטאַרק פערקלענערט ווערען פון דרעפּט, איז פיעל גלייכער פאר זיי צו פאראייניגען זיך בעצייטענס, איידער אנדערע פון זיי קענען געשטעלט ווערען אין סכנה. עס וועט אויך פיעל העלפען אויפצולעבען די מיטינגען: אין דעם דורכשניטליכען קלענערען ברענטש ווערען די מיטינגען שוואַך באַזוכט, מען ווענדעט אַלעס אָן צו מאַכען זיי בעסער באַזוכט און מעהר ווי איינמאָל אין אַ קוואָרטעל געלינגט עס ניט. אין יעדען ברענטש געפינען זיך אייניגע מיטגליעדער, וועלכע קומען אימער צו די מיטינגען און זיינען מעהר אָדער ווייניגער אַקטיוו. 4 אָדער 5 ברענטשעס צוזאמען קענען פאַרמאָגען איין גוטען אַוואַנגאַרד פון טעטיגע טוער און אזעלכע קענען פיעלעס אויפטון פאר די מיטגליעדער אין גייסטיגען זין, ווי אויך צוגעבען מעהר חשק די איבעריגע מיטגליעדער צו בעזוכען די מיטינגען. עס וואָלט אויך מאָראַליש פאַרשטאַרקט די ווירקונג פון אַזאַ שטאַרקען ברענטש ביי די פאַרשיעדענע לאַנדסלייט, רעכענענדיג זיך מיט אַזאַ ברענטש, וואו עס לוינט זיך צו באַלאַנגען...

עס וואָלט געווען ראַטזאַם, דאָס די פערשיעדענע עקזעקוטיוועס פון ברענטשעס זאָלען נעהמען אין אַנבעטראַכט דיעזע גאַנץ וויכטיגע פראַגע און זאָלע פּרוּווען דורכפיהרען פאַרהאַנדלונגען מיט זייערע נעהנטערע ברענטשעס.

האָפּענטליך אז דער דזשענעראל אָפּיס ווי אויך די דזשענעראל עקזעקוטיווע וועט שענקען אויפמערקזאמקייט דיעזען פּראָיעקט, פאַרבלייב איך מיט פריינדליכען גרוס,

סעם אייגעלאָף,
מעמבער וויטעבסקער בר. 224 ארב. רינג.

---

## בעריכט פון פערטעל יעהרליכען קאָנפערענץ, פון האדסאָן און בוירגען קאונטי.

זונטאג, דעם 21טען אפּריל, 1918, האָט די האדסאָן און בוירגען קאונטי דיסטריקט קאָמיטע אָבגעהאלטען דעם פערטעל יעהרליכען קאָנפערענץ אין „סטאָר אָף יזראעל האָל”, 115 פּאַרק עווענױ, האָבאָקען, ניו דזשוירזי.

פאָלגענדע ברענטשעס זיינען פארטראטען: 7, 59, 198, 316, 486, 504, 577 און 595 דורך 19 דעלעגאטען, און די דיסטריקט קאָמיטע דורך 3 דעלעגאטען. צוזאמען 22 דעלעגאטען.

ברענטשעס 10 און 829 זיינען אבוועזענד.

פר. מ. סטיינער, בר. 316, ווערט ערוועהלט טשערמאַן, און פר. מ. שאַכמאַן, בר. 504, סעקרעטער.

פּראָטאָקאָל פון לעצטען קאָנפערענץ ווערט אָנגענומען ווי פאַרגעלעזען.

פר. באַסקין, בר. 198, גיט אָפּ דעם באריכט פון דער דיסטריקט קאָמיטע, אז זיי האָבען בעזוכט די ברענטשעס ווי עס האָט זיך גענויטיגט, אז די דיסטריקט קאָמיטע האָט פיעל געארבייט אין די ברענטשעס פאר דעם 25 טויזענד דאָלאר רעליעף פאָנד, און דער רעזולטאַט איז ווי פאָלגט:

בר. 10, 316, 302 דאָל.; בר. 59 100 דאָל.; בר. 829 10 דאָל.; בר. 486 9 דאָל.; בר. 504 80 דאָל.; בר. 595 66 דאָל. צוזאמען 580,25 דאָל

דורך דער האדסאָן קאָמיטע איז אריין געשיקט געוואָרען אין דזשענעראל אָפּיס 580.25 דאָלאר. בר. 7 האָט געשיקט 100 דאָלאר.

די בעריכטען פון די ברענטשעס זיינען, אז זיי נעהמען אריין נייע מעמבערס. די ברענטשעס פון בעיאָן, 10, 316, 577, האָבען דעם ווינטער זיך פאַראייניגט מיט דעם ברענטש פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אָבצוהאלטען לעקטשורס און זיי האָבען געמאַכט פּראָגרעס. בר. 7 האַלט אָפּ לעקטשורס יעדען מאָנאַט. זיי האָבען אייגענע לעקטשורערס אין ברענטש.

וואס אנבעלאנגט די איבעריגע ברענטשעס האָבען מיר גאָר ניט געטון קיין עדיוקיישאָן ארבייט.

דער קאָנפערענץ בעשליסט צו רופען א ספעשעל קאָנפערענץ צו זעהען עטוואס טון וועגען עדיוקיישאָן.

נאָכדעם ווי דער קאָנפערענץ ווערט פארטיג מיט דער ארבייט ווערט געמאכט אַ קאָלעקשאָן פאר דעם רעליעף און עס ווערט קאָלעקטעד 15 דאָלאר און אריינגעשיקט אין דזשענעראל אָפיס.

מיט פריינדליכען גרוס,

מ. שאכמאַן, סעקרעטער.

---

## נייעס פון בירמינגהאם.

דעם 26טען מאי, 1918 האָט אונזער ברענטש, נומער 303 ארב. רינג, בירמינגהאַם, אַלאַבאַמאַ, געפייערט זיין נײַן יעהריגע עקזיסטענץ! און ווי עס שיינט, האָט די רוסישע רעוואָלוציאָן איהרע פריוהייטס וועקענדע שטראַהלען געשיקט אזוי ווייט ווי אין דער סאוטה, און אויך צו אונז אין בירמינגהאם.

פאר די לעצטע דריי יאהר האָט אונזער ברענטש אפילו וועניג געטון אין גייסטיגען און אין פינאַנציעלען זין. מיר שטיצען אָבער אלע אפיעלס וואס קומען צו אונז און ווען די עדיוקיישאָנאל קאָמיטע שיקט אַרויס א לעקטשורער וועקט ער אביסעלע אויף אויך אונז, כאָטש ביז דער צווייטער לעקטשורער קומט אָן שלאָפען מיר ווידער איין גאנץ געשמאק.

אזוי איז אָבער געוועזען נאָר ביז די לעצטע דריי יאהר. אָבער נאָך דעם לעקטשור וואס מיר האָבען געהאָט מיט גענ. ליטוואַק, דעם 14טען פעברואר, 1917, הויבט זיך אָן א ביסעלע לעבען. מען גיט אונז נישט די געלעגענהייט איינצושלאָפען גלייך נאָך דעם לעקטשור.

אין מאָנאַט מערץ בעפרייט זיך רוסלאַנד, און דער „בונד" אפעלירט צו אונז נאָך הילפע. מיר מאכען אַ וועטשערינקע וואס ברייגנט אַריין א שעהנע סומע און מיר שיקען עס צו צום „בונד". אין מאָנאַט דזשון ווערט ביי אונז געפייערט דער יאהרעספעסט און אונזער דעלעגאט ברענגט אַ בעריכט פון קאָנוועגשאָן. אין מאָנאַט נאָוועמבער פייערען מיר דעם 20טען יובילעאום פון „בונד" און עס ווערט געזאמעלט 31.70 דאָלאר וואָס ווערען צוגעשיקט צו העלפען די טעטיגקייט פון „בונד" אין רוסלאנד. אין יאנואר, 1918, אראנזשירט אונזער ברענטש אַ לעקטשור דורך דער עדיוקיישאָנאל קאָמיטע מיט גענ. גורעוויטש און מיר האָבען אַן ערפאלג. ניין הונדערט מענער און פרויען האָבען בעזוכט דעם לעקטשור. אויפ'ן אויפרוף פון דעם דזשענעראל אָפיס צו שאפען געלד אין דעם סאַניטאריום טאָג פאר אונזערע ליידענדע שוועסטער און ברידער אויף יענער זייט ים, ווארפט זיך אונזער ברענטש אַריין מיט זיין גאַנצער ענערגיע און שאפט די סומע פון 270 דאָלאר. דיזע סומע איז דער ריינער פראָפיט פון אונזער באָל וואס מיר האָבען געהאָט דעם 27טען פעברואר, 1918. דאָס געלד איז צוגעשיקט געווארען אין דזשענעראל אָפעס. צוויי טעג נאָך דעם באָל אראנזשירען מיר א לעקטשור מיט גענ. י. ב. ביילין פון דער סאָציאליסטישער פעדעראציאָן. און דעם 15טען מערץ ווערט אונטער דער אויפזוכט פון אונזער ברענטש געגרינדעט אַ סאָציאליסטישער לאָקאל פון דער אידישער פעדעראציאָן און מיר האָפען ער וועט לאַנג לעבען.

ביז לעצטענס האָבען ארב. רינג מעמבערס געזאמעלט געלד אין בירמינגהאם אונטער דער אויפזיכט פון די סענטראל רעליעף. דעם 21טען אפריל, ביים ברענטש מיטינג, ווערט געגרינדעט דער פאָלקס הילף ברענטש פאר די מלחמה ליידענדע. דעם 5טען מאַי ווערט ביי אונז ווינטער דער אויפזיכט פון ארב. רינג און סאָציאליסטישע פעדעראציאָן לאָקאל, געפייערט קאַרל מאַרקס' 100 יעהריגען יובילעאום.

און אַזוי אַרבייט דער ארב. רינג ברענטש אין בירמינגהאם אונערמידליך דאָס לעצטע יאהר, און ווען מיר גרייטען זיך צו פייערען אונזער ניינטען יובילעאום, קאָנען מיר זיך גראטולירען מיט'ן לעצטען יאהר אַרבייט.

פריינדע, לאָמיר זיך ווייטער נעהמען צו דער ארבייט מיט מעהר מוט און מיט נייער בעגייסטערונג ביז אונזער ארבייט וועט זיך קרוינען מיט דעם ערפאָלג צו וועלכען מיר אלע שטרעבען.

מיט פריינדליכען גרוס,

מאָרים רזשייקאָבס,
עקז. סעק. בר. 303 בירמינגהאם, אלאָ.

---

## אן אלגעמיינע פערזאַמלונג פון די טאָראנטאָ ברענטשעס

אן אלגעמיינע פערזאמלונג איז אָפּגעהאלטען געווארען מיטוואך אבענד דעם 15טען מאַי אין ציון האָל, בעווערלי סטריט. פר. ריביי פאָרזיצענדער.

ביי די ערעפענונג פון די פערזאמלונג ערקלעהרט פר. ריביי, אז די פערזאמלונג איז גערופען געווארען פאר דריי צוועקען. ערשטענס זיך דורכצורײדען, און ער זאָגט, דער ארב. רינג אין טאָראָנטאָ וואקסט, און מיט דעם וואוקס ווערט אלץ די פאמיליע גרעסער, אזוי אז מען קען זיך שוין באלד נישט איינע די אנדערע. דארום איז ווינשענסווערט אז איין מאָל אדער צוויי מאָל אין יאהר זאָל מען זיך צוזאמענקומען און באשפרעכען די אלגעמיינע טעטיגקייט פון אונזער ארבייט פאר דעם גרויסען אָרדען, דער ארב. רינג.

די צווייטע פראגע איז די סעמעטערי. ער ערקלעהרט אז די סעמעטערי איז זעהר פארנאכלעסיגט. אין פאַל עס מאַכט זיך אן אומגליק איז ניטאָ צו וועמען צו ווענדען זיך. ער ערקלעהרט די נויטווענדיגקייט פון א טיכטיגען פארוואלטונגס ראטה, און אונגעאכטעט אויב אלע ברענטשעס וועלען זיין פארטראָטען אדער ניט. זאָלען די וואָס שטימען פאר דער קאָמיטע שטימען פאר די יעניגע וואס זיי דענקען די פאסענדסטע.

פאָלגענדע ווערען ערוועהלט: ספעקטער, בר. 220, 35 שטימען; גאָלד, בר. 220, 49; דעססער, בר. 220, 35; יוזעפאוויטש, בר. 293, 32; שיף, בר. 418, 46; דעססער, בר. 339, 40; בלאכמאן, בר. 318, 29 שטימען.

די דריטע פראגע איז דער לייבאָר לייסעאום. פר. איסר נעהמט דאָס וואָרט און גיט אַן איבערבליק איבער די פארגאנגענהייט פון דעם אורשפרונג פון דעם לייבאָר לייסעאום, און ער ערקלעהרט, אז די שטערונג אָנצוגעהן ווייטער מיט דער ארבייט איז געווען ניט קיין אנדער זאך ווי דאָס וואס עס איז געווען אונמעגליך צו קריגען דעם פאסענדען פלאץ. ער דריקט אויס צופרידענהייט וואס דער ארבייטער רינג נעהמט אַ שטעלונג דערצו און נאָך אַ דירעקטען. ער אפעלירט אז יעדער איינער זאל נעהמען שערס וויפיעל ער קאן, און דאן איז דער ערפאלג א געזיכערטער.

עס ווערט בעריכטעט אז בר. 220 איז געווען דער ערשטער אויפצוהייבען די פראגע וועגען לייבאָר לייסעאום ווענדענדיג זיך צו דער סיטי קאָמיטע צו ארבייטען געמיינשאַפטליך. די סיטי קאָמיטע האָט בעשלאָסען אויפצונעהמען די אַרבייט און אַ בריעף זאָל ארויסגעשיקט ווערען צו אלע מיטגליעדער. עס דארף אויך ערוועהלט ווערען א קאָמיטע פון 25 פון אלע ברענטשעס, און זייער אויפגאבע זאל זיין בלויז וועגען לייבאָר לייסעאום.

מיט א ווארימען אפיעל פאר נייע מיטגליעדער פון פר. שטראוס ווערט די פערזאמלונג געשלאָסען.

ס. עפשטיין, סעקרעטער.

---

## פינאנץ בעריכט פון בר. 404, שיקאַגאָ, פאר קוו. 68-69.

אייננאהמע 486.71ד; אויסגאבען 435.15; קעש אין טרעזשורי 51.56 דאָלאר.

מעמבערס שולדען דעם ברענטש 100.81ד; דער ברענטש קומט דעם דזשענ. אָפיס 24.60; דער סעמעטערי אין שיקאגאָ 15ד; בלייבט נעט קאָפיטאל פון ברענטש 112.77.

# דאנק רעזאלוציאנען

די יאָנג מענס עדיוקיישאָנעל ליעג, בר. 415 א. ר., אין שריוו־
[פּ]אָרט, לא., האָט זונטאג, דעם 7טען אפּריל, ביי א גוט בעזוכטען מי־
[טי]ונג בעשלאָסען צו דאנקען דורך דעם „פריינד" פר. לייזער לעווין
[פ]אר זיין דאָנייטען א סעט ביכער צו ראפלען פאר די מלחמה לייד־
[ע]נדע. דער ראפעל האָט ארייַנגעבראכט 84.65 דאָלאר, א דאנק די
[ג]וטע ארבייט פון דער אראנזשמענטס קאָמיטע. מיר האָפען דאס פר.
[ל]עווין וועט נאָך פיעל גוטעס טון פאר דעם געזעלשאַפטליכען לעבען
[ב]יי אויך פאר דעם ארב. רינג.

[ה. ב]לאכמאַן און מ. וויינגער, רעזאָלושאָן קאָמיטע.

---

בר. 198 א. ר. דרינקט אויס זיין הארצליכען דאנק צו פר. איז.
איזדען, דער געוועזענער פינ. סעק. פאר דעם לעצטען יאהר, פאר זיי־
נען גוטע און עהרליכע ארבייט פאר דעם ברענטש.

ס. באַסקין, סעק.

---

מיר, די אידישע סאָלדאטען פון קעמפּ גאָרדאָן, מיטגליעדער פון
דעם גרויסען אידישען אָרדען — דער ארבייטער רינג — פערזא־
מעלט ביי א גרויסארטיגען באנקעט און קאָנצערט וועלכען דער אט־
לאנטא'ער בר. 207 א. ר. האָט אראנזשירט לכבוד די אידישע סאָל־
דאטען און פאר וועמען דער אויבענדערמאָנטער ברענטש ווענדעט
אָן אלע מעגליכקייטען דורך פערשיעדענע אנגענעהמע אונטערנעה־
מונגען ווי קאָנצערטען, ליטעראַרישע אבענדען און דורך פּריוואטע
איינלאַדונגען פון די מיטגליעדער פונ'ם זעלבען ברענטש צו זיך
אהיים און מאַכען די אידישע סאָלדאַטען בכלל און מיטגליעדער
סאָלדאַטען פון א. ר. בפרט צו פיהלען זיך אמת היימיש'דיג, ווען די
לעצטע קומען זיך צוזאמען סאר שבת אדער זונטאג אין שטאָדט
אריין, — דריקען אויס אונזער הארציגען דאַנק צו דיזען טעטיגען
בר. 207 פאר דער אנגענעהמער בעהאנדלונג וועלכע ער גיט אונז,
דורך אן אַפיציעלער קאָמיטע וועלכע ער האָט ערוועהלט אום אָנצו־
פיהרען דיעזע „וועלפעיר" ארבייט און וועלכער אנערקענונג מוז
געגעבען ווערען פאר איהר געלונגענער טעטיגקייט און ערפאָלג.

צו דערזעלבער צייט שיקען מיר אונזער וואַרימסטען דאַנק צו
דער גענעראל עקזעקוטיווע פון אָ. ר. פאר איהר פינאַנציעלע און מאָ־
ראַלישע שטיצע, וועלכע גיט דעם ברענטש די מעגליכקייט אָנצוגעהן
מיט דער נאָבעלער אַרבייט. מיר שיקען אויך אונזער האַרצליכסטען
דאנק צו אלע ברענטשעס איבערן לאנד פאר זייער וואַרימען אָברוף.

מיט סאָציאַליסטישען גרוס,

א. גארעליק, ה. רעגנער, דזש. קלופּט, ס. קאהן, רעז. קאָמ.

באַשלאָסען דיעזע רעזאָלוציאָן צו פערעפענטליכען דורכ'ן
„פריינד", „נייע וועלט", און „פאָרווערטס".

---

ביי א גוט בעזוכטען מיטינג פון בר. 205 א. ר. איז באַשלאָסען
געוואָרען צו באַדאנקען פר. דזשאַקאָב פּרוזאַנסקי פאר זיין טעטיג־
קייט און איבערגעבענהייט צום ברענטש. דער בר. האָט פר. פּרו־
זאַנסקי'ן פיעל צו פערדאַנקען פאר זיין עקזיסטענץ.

סעמועל קאזיל, סעקרעטער.

---

אין דעם נאָמען פון א. ר. בר. 155, טאָלידאָ, אָ., בעדאַנקען מיר
פון טיעפסטען הארצען די אנטיילנעהמער פון דער טעאַטער פאָרשטע־
לונג פאר די מלחמה קרבנות וועלכע איז אויפגעפיהרט געוואָרען מיט
גרויס ערפאָלג פון פאָלגענדע פּערזאָנען: מאדאם קאָהן, מאדאם סיי־
מאן, מיסיס דאָלגין און מיס דאָלגין, ה. שינאר, ה. פרידלאנד, ה.
פעלדמאן, ה. קאמינסקי און ה. בונין.

א באַזונדערען דאנק צום פּראָפעסאָר פון דער פּיעסע, פּר. מ.
גאָטהעלף, וועלכער האָט זיין וואונדערבארע שאפונג מקריב געוועזן
צום ערשטען מאָל פאר אזא נאָבעלען און הייליגען צוועק. מיר
ווינשען איהם אין זיין קינפטיגען שאַפען אזא מאָראלישען ער־
פאָלג ווי ער האָט ביי דיעזער פאָרשטעלונג געהאט.

אראנזשמענטס קאָמ. א. ר. בר. 155, טאָלידאָ, אָ.

---

מיר, די מעמבערס פון בר. 2 א. ר., דאנקען די מיטגליעדער פון
בר. 597 פאר זייערע דיענסטע וואָס זיי האָבען געלייסטעט צו אונזער
אונטערנעהמונג דעם 30טען מארטש אונענטגעלטליך, מיט שיקען
קרעפטען צו אונטערהאלטען די פריינדע.

י. אננאַפּאָל, סעקרעטער.

---

מיר, די מעמבערס פון בר. 2 א. ר. דאנקען דעם סעקרעטער פון
בר. 212 א. ר., פר. וו. רייזען, פאר זיין אַטענדען צו אונזער קראנקען
פריינד פלאפסקי, וועלכען עס האָט געטראָפען אן עקסידענט אין נאָר־
פאָלק, ווירדזשיניא. ער האָט מיט זיין גוטער טאַט באַוויזען דעם
רעכטיגען גייסט, ווי עס דאַרף האַנדלען א מעמבער פון א. ר.

י. אננאַפּאָל, סעק., 4 איסט 107טע סט.

---

מיר, בר. 510, דאנקען פאלגענדע ברענטשעס פאר אפּרופען זיך
אויף אונזער אפּיעל נאָכדעם ווי אונזער ערשטע קוויטירונג איז גע־
ווען פערעפענטליכט אין „פריינד" פון סעפּטעמבער, 1917:

צו 50 סענט — בר. 450 1.00.
ברענטשעס 5, 36, 37, 84, 192, 245, 256, 285, 288, 325,
369, 344, 372, 388, 426, 441, 479, 505, 531, 576.

בר. 120 פון ריטשמאנד, וו. וו., האָט געוואונען דעם סעט זיל־
בער. דער ברענטש איז געבעטען צו שיקען זייער אדרעס צו פר.
א. בערגער, 522 איסט 142טע סט., ניו יארק, וועט ער עס זיי
צושיקען.

---

מיר, די מעמבערס פון בר. 195, באדאנקען פאלגענדע ברענטשעס
וועלכע האָבען זיך פריינדליכסט אָבגערופען אויף אונזער אפּיעל
פאר א קראנקען מעמבער:

בר. 509 5 דל.; סאָקאָל בראָדערס פערזענליכע דאָנייטשאָן 5 דל.
צו 1 דאָלאר — בר. 21, 46, 79, 93, 94, 105, 114, 116, 117,
123, 128, 130, 135, 137, 144, 158, 190, 191, 212, 216, 222,
228, 233, 235, 259, 265, 271, 275, 279, 324, 330, 348, 352,
362, 383, 385, 396, 410, 411, 413, 414, 434, 437, 453, 475,
519, 537, 553, 593, 599, 610.
צו 50 סענט: בר. — 2, 6, 7, 19, 22, 23, 24, 28, 33, 39,
41, 42, 45, 47, 48, 52, 53, 58, 63, 64, 65, 70, 73, 80, 84, 87,
88, 99, 107, 109, 110, 120, 121, 127, 132, 133, 136, 140, 143,
145, 157, 162, 170, 183, 187, 198, 208, 209, 220, 232, 234,
237, 240, 242, 249, 252, 260, 266, 277, 95, 303, 304, 305,
312, 317, 318, 320, 325, 331, 341, 342, 349, 351, 353, 361,
373, 382, 389, 402, 416, 418, 422, 425, 429, 431, 457, 459,
469, 470, 483, 484, 489, 496, 500, 510, 522, 529, 534, 541,
547, 554, 565, 569, 570, 573, 576, 577, 585, 588, 589, 591.
צו 25 סענט: — בר. 166, 447, 445.

1 דאָלאר פון איין ברענטש, וועמעס נומער מיר האָבען נישט
געקאָנט אָרויסקריגען.

ל. בעצאהלער, סעק., 112 עווע. סי.

### דאקזאגונג פון ברענטש 510 א. ר.

פאלגענדע ברענטשעס האבען זיך אבגערופען נאך דעם ווי מיר האבען אריינגעגעבען אין סעפטעמבער נומער פרייגר, אונזער בעריכט פון אונזער אונטערנעהמונג פון לעצטען יאהר.

צו 50 סענט בר. 5, 36, 37, 37, 84, 192, 245, 256, 285, 288, 325, 369, 344, 372, 383, 426, 441, 479, 505, 531 און 576.

ברענטש 120 פון ריטשמאנד, ווירדזשיניא, האט געווינען דעם סעט סילווער, און מיר בעטען דעם ברענטש צו שיקען זייער אדרעס צו פריינד בערגער, סעקרעטער פון אונטערנעהמונג, און מיר וועלען זיי אבשיקען דעם סעט.

מיר בעדאנקען אלע ברענטשעס פאר זייער אנטייל. א. בערגער, סעקרעטער.

---

### זשיטאמער פראגרעסיוו אסאסיאיישאן ברענטש 542.

די פאלגענדע ברענטשעס האבען אונז געשטיצט:

צו 2 דאלאר, בר. 127, 131, 327. צו 1.50, בר. 519. צו 1.30, בר. 574. צו 1 דאלאר: 12, 46, 56, 58, 65, 155, 511, 376, 264,

271, 161, 552, 513, 521, 105, 495, 242, 478, 341, 319, 262, 437, 114, 178, *308, 305, 306, 276, 489, 505, 564,117, 446, 265, 547. צו 50 סענט: בר. 70, 64, 116, 73, 220, 565, 326, 94, 170, 571, 121, 594, 119, 317, 63, 63, 383, 295, 358, 128, 522, 547, 135, 166, 320, 459, 414, 510, 362, 52, 53, 99, 488, 500, 228, 30, 69, 242, 157, 109, 292, 240, 110, 382, 315, 120, 361, 470, 426, 590, 106, 80, 349, 438, 577, 457,587, 29, 496, 39, 18, 7, 367, 10, 529, 303, 418, 416, 84, 556, 580, 430, 45, 527, 266, 394, 6, 245, 214, 312, 492, 484, 138, 590, 202, 425, 92, 19, 79, 316, 385, 98, 288, 589, 232, 23, 570, 234, 195, 37, 304, 318, 183, 136 353 און 606. צו 25 סענט: בר. 346 און 545.

מיט גרוס,

מאריס באשים, פינ. און קאר. סעק.

---

### פראגרעסיוו בעלמער בר. 585.

מיר דריקען אויס אונזער הערצליכען דאנק צו די ברענטשעס וואס האבען זיך אבגערופען אויף אונזער אפיעל פאר אונזער קראנקען פריינד.

צו 1 דאלאר: 2, 3, 6, 8, 11, 19, 20, 24, 28, 34, 35, 37, 40, 46, 50, 52, 53, 64, 72, 73, 79, 80, 82, 83, 85, 86, 99, 105, 117, 122, 130, 132, 133, 134, 16, 137, 147, 149, 169, 177, 183, 189, 195, 200, 205, 210, 213, 214, 215, 216, 219, 231, 235, 237, 244, 245, 259, 260, 265, 271, 272, 278, 280, 284, 285, 286, 288, 295, 297, 309, 315, 324, 325, 330, 331, 342 344, 350, 352, 355, 363, 380, 394, 475, 495, 561, 569, 570, 576, 580, 580, 596, 597, 598. צו 75 סענט: 361, 366, 367, 368, 369, 369, 382, 396, 402, 403, 407, 411, 412, 417, 423, 436, 439, 442, 465, 469, 481, 510, 514, 531, 543, 555. צו 50 סענט: 7, 10, 13, 18, 21, 23, 29, 30, 42, 45, 58, 63, 69, 70, 84, 87, 92, 94, 407, 58, 63, 69, 70, 84, 87, 92, 94, 107, 109, 110, 116, 118, 119, 120, 121, 127, 128, 135, 142, 143, 145, 152, 154, 157, 161, 167, 180, 198, 202, 208, 220, 232, 234, 240, 250, 264, 268, 328, 337, 348, 349, 353, 358, 359, 362, 384, 390, 397, 410, 413, 416, 418, 425, 429, 431, 437, 438, 457, 459, 469, 470, 580, 483, 484, 488, 496, 505, 506, 522, 529, 534, 544, 547, 565, 577, 588, 594, 603. צו 25 סענט: 71, 166, 447.

א. ראזענבוים, סעק.

### קוויטירונגען פון ראוונער וואלינער בר. 288 א. ר.

בר. 574 1.30.

צו 1 דאלאר: בר. 2, 3, 6, 11, 20, 24, 25, 28, 37, 39, 41, 54, 55, 64, 72, 75, 77, 79, 80, 81, 82, 105, 132, 133, 134, 136, 137, 149, 155, 161, 169, 175, 181, 189, 201, 210, 214, 215, 219, 244, 265, 276, 277, 284, 286, 287, 295, 300, 315, 333, 371, 405, 417, 434, 437, 453, 470, 475, 495, 500, 510, 555, 564, 570, 576, 580, 585, 599.

צו 75 סענט: בר. 8, 40, 53, 86, 87, 97, 183, 199, 235, 245, 259, 260, 261, 270, 271, 299, 321, 324, 325, 330, 335, 344, 345, 352, 355, 361, 366, 367, 382, 396, 402, 403, 411, 442, 458.

צו 50 סענט: בר. 7, 10, 13, 19, 21, 23, 29, 30, 42, 45, 46, 47, 52, 58, 63, 65, 69, 70, 73, 84, 98, 99, 106, 107, 109, 110, 116, 117, 118, 119, 120, 120, 121, 128, 135, 138, 157, 167, 174, 178, 187, 95, 198, 202, 228, 232, 234, 240, 242, 250, 264, 266, 278, 292, 297, 303, 304, 309, 312, 316, 317, 318, 319, 320, 334, 337, 389, 341, 342, 348, 349, 353, 358, 362, 383, 384, 385, 394, 414, 416, 418, 419, 423, 425, 426, 429, 431, 438,457, 459, 469, 471, 480, 480, 481, 483, 488, 489, 496, 518, 519, 522, 529, 539, 547, 554, 556, 565, 569, 571, 573, 577, 583, 587, 594, 597, 601.

צו 25 סענט: בר. 447, 606.

אין נאמען פון אונזער קראנקען מעמבער דאנקען מיר די אלע ברענטשעס פאר זייער פריינדליכער הילף.

א. בריק, סעק.

---

### בר. 344 א. ר.

מיר, די מעמבערס פון בר. 344 א. ר., דריקען אויס אונזער טיעפען בעדויערען צו פר. בעני גראססמאן, אויף דעם פריהצייטיגען טויט פון זיין בעליבטע פרוי, יענטע גראססמאן.

מ. פורלע, סעקרעטער.

## בריף-קאסטען

ד. פרעסמאן: אייער רעקאמענדאציאן צו דער קאנווענשאן איז לײדער אנגעקומען צו שפעט. דער קאנווענשאן-נומער „פריינד" איז שוין דאן געווען איבערפילט.

ל. דזשאספער: אייער בעריכט האט נישט געקענט אריין אין קאנווענשאן-נומער און וועט אויך, צוליעב מאנגעל אין פלאץ שוין נישט קענען אריין אין דעם נאך-קאנווענשאן-נומער, וואס עס טוט אונז זעהר לייד, אבער איהר וועט אונז דיעזען מאל ענטשולדיגען.

י. פארבער: צוליעב מאנגעל אין פלאץ און אויך צוליעב דעם, וואס דער רעפארט איז נאך פון לעצטען יאהר האבען מיר געמוזט אייער גאנץ ערמוטיגענדען בעריכט פארקירצען און אריינגעהמען אין דער אבטיילונג פון „אונזער קארעספאנדענץ."

ג. שגיירער, דולוטה: מיר האבען לײדער קיין פלאץ נישט צו דרוקען אייער פאלעמיק מיט פר. באקאל'ן. אין אלגעמיין זיינט איהר דאך איינשטימיג מיט איהם, דאס די ס. פ. ברענטשעס און דער ארב. רינג דארפען זיך נישט ארומרייסען, נור פארקעהרט, אנפיהרען די ארבייט הארמאניש צוזאמען און ארויסהעלפען זיך איינע די אנדערע. מיר דאנקען אייך זעהר פאר דער אינפארמאציאן, דאס אין דולוטה איז שוין די פראגע געלעזט.

ב. פאפערנא: מיר וועלען דרוקען פארקירצט אייער קארעספאנדענץ און מיר וועלען זעהן, דאס איהר זאלט שוין ערהאלטען דעם „פריינד". געהט אן ווייטער מיט אייער גוטער ארבייט.

פאציענטען פון א. ר. סאניטאריום: אייער אפיעל איז לײדער אנגעקומען צו שפעט פאר'ן מאי נומער. אין דיעזען נומער האט עס שוין קיין זין נישט, וויל עס איז דאך שוין נאך דער קאנווענשאן.

# טרויער רעזאלוציאנען

מיר, די מעמבערס פון דער קאמענעץ־פאד. פראג. יאנג פרענדס
ר. 330 א. ר., דריקען אויס אונזער טיעפען טרויער צו פריינד
ופמאהן אויף דעם טויט פון זיין בעליעבטען פאטער.
מיר דריקען אויס אונזער סימפאטיע צו דער פאמיליע.

איז. שפיעלער, פינ. סעק.

---

מיר, די מעמבערס פון ס. פ. בר. 544 א. ר., דריקען אויס אונזער
רויער אויף דעם פרישען קבר פון דעם פריהצייטיגען טויט פון
ונזער פריינד און גענאסע דזשוליוס גאלינסקי. אין דערזעלבער
ייט דריקען מיר אויס אונזער טיעפסטע סימפאטי צו דער פרוי
ון קינדער. עהרע דיין אנדענקען, טייערער פריינד און גענאסע.

מ. טיילאר, דזשא. טייזנער, פרעס קאמיטע.

---

מיר, די מעמבערס פון בר. 76 א. ר. דריקען אויס אונזער טיעפען
עדויערען צו פר. א. פיקוס, אויף דעם פלוצלונגען טויט פון זיין
רוי, אנעטא פיקוס.

ה. שייער, פרעס קאמיטע.

---

מיר, די מעמבערס פון בר. 600 א. ר., דריקען אויס אונזער
טיעפען טרויער אויפ'ן פריהצייטיגען טויט פון אונזער פריינד
זש. גרעסרין, וועלכער איז געשטארבען אין עלטער פון 22 יאהר,
עם 10טען אפריל, 1918.

ס. מעדאוו, סעק.

---

מיר, די מעמבערס פון בר. 353 א. ר., דריקען אויס אונזער
זימפאטיע און טיעפען טרויער צוליעב דעם טויט פון סאפי האפ־
מאן, די פרוי פון אונזער פריינד לואיס האפמאן. מיר האפען, דאס
ר וועט געפינען טרויסט אין דער ארבייט פון ארב. רינג און פון
ער כאציאליסטישער בעוועגונג.

נ. שניירער, סעק. דולוטה, מינ.

---

מיר, די מעמבערס פון בר. 578 א. ר., דריקען אויס אונזער
טיעפען בעדויערען צו אונזער פריינד איז. פריעדמאן, אויף דעם
טויט פון זיין פרוי דזשעני פריעדמאן, וועלכע איז געשטארבען
אין עלטער פון 25 יאהר, מארטש דעם 31טען, 1918.

מאקס מאלינאווסקי, סעק.

---

מיר, די מעמבערס פון בר. 15 א. ר., הארטפארד, קאנ., דריקען
אויס אונזער טיעפען טרויער אויפ'ן פריהצייטיגען טויט פון אונ־
זער פריינד, מארקוס ראדזען, וועלכען, וועלכער איז געשטארבען אין
עלטער פון 30 יאהר.
מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטע סימפאטי צו דער אלמנה
און צוויי קינדער.

ה. איירעלמאן, פינ. סעק.

---

מיט טיעפען טרויער בעדויערען מיר דעם פריהצייטיגען טויט
פון אונזער פריינד און חבר לואיס מייטין, און אויך אונזער טיעפ־
סטע סימפאטי צו דער אלמנה מיט די קרובים.

מאקס סמאווסקי, סעק. בר. 260 א. ר.

---

מיר, די מעמבערס פון בר. 120 א. ר., דריקען אויס אונזער
טיעפסטען טרויער אויף דעם טויט פון אונזער פריינד סעם קופער־
שטיין, וועלכער איז געשטארבען אין עלטער פון 39 יאהר. מיר דרי־
קען אויס אונזער סימפאטי צו דער אלמנה און קינד.

נ. סטיפמאן, סעק.

---

מיר, די מעמבערס פון בר. 52, דריקען אויס אונזער טיעפען
מיטגעפיהל צו אונזער פריינד מאקס גראדענטשיק אויף דעם פערלוסט
פון זיין קינד.

מ. באבסקא, סעק.

---

מיר, די מעמבערס פון בר. 99, דריקען אויס אונזער טיעפען
טרויער אויפ'ן פריהצייטיגען טויט פון אונזער פריינד סעם פיש־
קין. מיר דריקען אויס סימפאטי מיט זיין פאמיליע.
מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטען טרויער און שמערץ אויף
דעם פריהצייטיגען. טויט פון אונזער פריינדין דזשולי ליפסקי,
די פרוי פון פר. לואיס ליפסקי. מיר דריקען אויס אונזער סימ־
פאטי מיט איהר פאמיליע.

א. דינערשטיין, רעק. סעק.

---

מיר דריקען אויס אונזער מיטגעפיהל צו פריינד סעם גאלד־
בערג אויף דעם פערלוסט פון זיין יונג פערשטארבענער פרוי, די
מוטער פון זיינע 3 קינדער.

איז. לייבאוויטץ, סעק. פינסקער בר. 252 א. ר.

---

מיר דריקען אויס אונזער טרויער אויפ'ן פריהצייטיגען טויט
פון אונזער מעמבער פריינד ב. ראזענשטאק.

מ. געטצאף, סעק. בר. 47.

---

מיר דריקען אויס אונזער מיטגעפיהל צו פריינד טשארלי שלוטץ
און זיין פרוי, אויף דעם פערלוסט פון זייער 8 יאהריגער טאכטער
אננא שלוטץ.

איז. לייבאוויטץ, פינסקער בר. 252 א. ר.

---

מיר בעדויערען דעם אונגליק פון אונזער פריינד מענדעלסאן
וואס ער האט ערליטען דורך דעם פערלוסט פון זיין פריהצייטיג פער־
שטארבענער פרוי.

שיפרין און שיק, פרעס קאמיטע בר. 295.

---

מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטען טרויער אויף דעם פריה־
צייטיגען טויט פון אונזער פריינד ע. ראבינאוויץ, וועלכער איז גע־
שטארבען דעם 19טען דעצעמבער, 1917, אין עלטער פון 53 יאהר

מ. שמאיאניק, סעק. בר. 11 א. ר.

---

מיר, די מעמבערס פון בר. 332, דריקען אויס אונזער טיעפסטע
סימפאטי צו אונזער בעליעבטען פר. בענדזשאמין קאשניר, אויף דעם
פערלוסט פון זיין בעליעבטער פרוי. זי איז געווען א געטרייע פרוי
און א גוטע מוטער. עהרע איהר אנדענקען.

רעזאלוציאנס קאמיטע.

---

מיר דריקען אויס אונזער טרויער אויפ'ן פריהצייטיגען טויט
פון אונזער מעמבער, פר. מאריס ליפשיץ.

דזש. בעלינעק, סעק. בר. 245 א. ר.

---

מיר, די מעמבערס פון בר. 80 א. ר., דריקען אויס אונזער טיעפ־
סטען טרויער נאך אונזער פר. יעקב שטיינבערג, וועלכען דער טויט
האט פריהצייטיג ארויסגעריסען פון אונזערע רייהען אין עלטער פון
34 יאהר, איבערלאזענדיג א פרוי און 4 קינדער.

טשארלס האקעו, סעק.

# א מערקווירדיגע פאסירונג!

אנדערש קען מען ניט אנרופען די ערשיינונג פון די

# 7 וויסענשאפטליכע לעהר-ביכער

אין די 1918 לייבראַרי פון ארבייטער רינג

אזא גראנריעזע אויסגאבע, אזא פראכטפאלער סעט פאר אזא ערשטוינליך־בילינען פרייז איז קיין אידישער פאבלישער ניט אימשטאנד צו אפערען, אפילו פאר צוויי מאל אזא גרויסען פרייז.

## אַסטראָנאָמיע

פון דר. ב. האָפמאַן (צביון)

286 זייטען מיט מאסען אילוסטראציאנען.

צווייטער און דריטער באנד — ערשטער און צווייטער טייל.

## פיזיאָלאָגיע

פון דר. י. א. מעריסאָן

200 זייטען און 40 צייכנונגען.

פערטער און פינפטער באנד — ערשטער און צווייטער טייל.

## פּאָליטישע עקאָנאמיע

פון א. ש. זאקס

240 זייטען.

זעקסטער און זיבטער באנד — ערשטער און צווייטער טייל.

## געאָלאָגיע

פון דר. א. קאספּע

מיט 200 זייטען און 36 צייכנונגען.

פאַר מעמבערס בלויז $1.50. — פאַר ניט-מעמבערס $3.00

———נאָר די———

# עדיוקיישאנאל קאמיטע פון ארבּייטער רינג

מיט איהרע פארצווייגטע פארבינדונגען און מיט רער מאראלער און פינאנציעלער הילפע פון איהרע צעהנדליגע טויזענדע מעמבערס און הויפּטזעכליך צוליעב איהר איינציגער אבזיכט צו פארשפרייטען וואס מעהר וויסען און אויפקלערונג איז כמעט דיזע אונמעגליכע זאך געוואָרען א לעבעדיגער פאקט.

פרעגט זיך אייער סעקרעטער צו זיי האבען געאָרדערט נענוג, דאס עס זאל זיין פאר אייך א סעט. אָרדערט, ווען ניט ווערט רע רסעקרעטער נור אָרדערען פאר יענע, וואס האבען איהם אויסדריקליך געבעטען. אין אלגעמיין איז בעסער איהר זאלט אָרדערען דורך אייערע סעקרעטערע וועט איהר זיך און אונז פארשפארען פיעל טראבעל, צייט־פארלוסט און הויפּטזעכליך וועלען מיר קענען וואס פריהער פילען די אָרדערס. די ברענטשעס מוזען אריינשיקען זייערע אדרעסען מיט'ן זיעגעל פון ברענטש און אונטערשריפט פון סעקרעטער. אלע אָרדערס וועלען אין פארלויף פון די נעקסטע עטליכע וואכען ארויסגעשיקט ווערען. אזוי פיעל טויזענדער ביכער קענען ניט ארויסגעשיקט ווערען אין איין טאג.

## וויכטיג פאַר די ניו יאָרקער מעמבערס און סעקרעטערע!

קומט אין דזשענעראל אָפיס און נעהמט אָפּ אייערע אָרדערס.

AUGUST, 1918




OFFICIAL ORGAN OF THE WORKMENS CIRCLE.

# THE FRIEND

OFFICIAL ORGAN OF THE WORKMEN'S CIRCLE

Published Monthly

Office of Publication:
62 Van Buren St. Passaic, N. J.
General Office:
175 E. Broadway, New York, N. Y.

Subscription Rates:
Per Annum, 50c. Six Months, 25c.
Single Copy, 5 cts.

Entered as second class matter April 21, 1911, at the Post Office at Passaic, New Jersey, under the Act of July 16, 1914.




## זעהן אונזערע דעפּארטמענט קאָמיטעס מיטען:

אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע: מאָנטאג, פון 7 אוהר אַבענד.
בענעפיט קאָמיטע: דיענסטאג, פון 6 ביז 8 אוהר אַבענדס.
גריוועֶנס קאָמיטע: דיענסטאג, פון 8 אוהר אַבענד.
עדיוקיישאָנאל קאָמיטע: מיטוואָך, פון 6 אוהר אבענדס.
סאַניטאריום קאָמיטע: דאָנערשטאג, פון 6.30 ביז 8.30 אבענדס.
אָפיס קאָמיטע: דאָנערשטאג, פון 9 אוהר אבענד.

THE FRIEND



דער פריינד

Vol. IX. AUGUST, 1918 No. 8

# פון מאָנאַט צו מאָנאַט

**זיבעציג טויזענד**

„זיבעציג טויזענד נייע מעמבערס צו דער 1919 קאָנווענשאָן!" איז דער ענערגישער און מעכטיגער רוף, וואָס אונזער דזשענעראַל עקזעקוטיווע האָט ארויסגעלאָזען. עס איז נישט גלאַט אַ צאָהל אין דער וועלט אריין, אַ גוזמא'דיגע איינרעדעניש, אדער אַן אונאיבערלעגטער, איבערגעטריבענער זעלבסט־זיך־נאַרענדער רוף, וואס ענדיגט זיך מיט יאוש און קאַצען־יאמער. עס איז אַ צאָהל אַ באַשיידעגע, וואס מיר קענען און מיר מוזען ערגרייכען און וועלכע קען זיך נישט ענדיגען אַנדערש ווי נאָר מיט אַן ערפאָלג. דיעזע צאָהל איז לאַנג געוואָרען געוואויגען און געמאָסטען פון דער עקזעקוטיווע. עס איז פאַרוואָרפען געוואָרען די הויכע גריל־צענדע פראַזע און עס איז אָנגעשטעלט געוואָרען דער זיכערער, נישט־ריזיקאַלישער, מיטעלער טאָן.

עס זיינען שוין אוועק די צייטען ווען דער אַרבייטער רינג האָט זיך אַמאָל אויך געקענט ערלויבען נישט צו ערפילען די הויך־אָנגעשטרענגטע ערוואַרטונגען. אונזער כח איז יעצט אזוי גרויס, דאָס מיר דאַרפען איינפאַך נישט געברויכען קיינע גאַזען און פלאַמענוואַרפער, קיינע עקספּלאָדירענדע באָמב־פראַזען אָדער גראַנאַט־סלאָגאַנס.

דער פעלז דאַרף נישט האָבען קיין גוזמאות וועגען זיין קראַפט. דער רוף פון דעם אַרבייטער רינג'ס העכסטע אויספיהרענדע מאַכט איז אלזאָ אַ רוף צו פאַרווירקליכען **מעגליכע** זאַכען, ניין, **אונפאַרמיידליכע** זאַכען.

עס איז אמת, די צייטען זיינען זעהר אונגינסטיגע, אונרוהיגע און אונזיכערע, און עס וועט אין אַ געוויסען זין געשטערט ווערען אונזער ענערגישע אַרבייט. אָבער פון דער צווייטער זייט איז **אונזער** אגיטאַציאן, נישט סתם־אָרדען אגיטאַציאָן נאָר **אַרבייטער־רינג** אַגיטאַציאָן, דאָס הייסט, מעהר אדער ווייניגער, אַ ראַדיקאַל־סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדאַ אויפ'ן באָדען פון קאָאָפּעראַציאָן, זעלבסט־הילף און געגענזייטיגע פאַרזיכערונג.

די אַטמאָספערע אין לאַנד איז אַ מעהר רעוואָלוציאָנערע, פּראָגרעסיווע און אַגרעסיווע. מענשען וואַרפען ביסלעכווייז אוועק זייערע אַלט־פרענקישע פאַרשימעלטע אַנזיכטען און זייען גרייט אָנצונעהמען נייע. די נייע אידעען מוזען אָבער צו זיי פּרעזענטירט ווערען מיט טרייהייט, ליעבע און איבערגעבענהייט, מיט מוט און ענערגיע, מיט אַ פול־בלוטיגען, אויסגעשפּראָכענעם שטאַנדפּונקט.

אמת, דאָס דער קרייז פון יונגע מענשען פון וועלכע אייגענטליך עס רעקרוטירט זיך אונזערע פרישע פאָלקען ווערט וואָס אַ מאָל קלענער, אַ גרויסער טייל ווערט גערופען צו ערפילען די פליכטען צו אונזער לאַנד און אַ גרויסער טייל איז אונטער דער **ערוואַרטונג** צו ווערען גערופען. אָבער עס בלייבען נאָך איבער גענוג קרייזען פון טעטיגקייט, גענוג שיכטען פון דער באַפעלקערונג, וועלכע קענען סימפּאַטיזירען מיט אונזערע אידעאַלען און אָנשליסען זיך אָן אונזער אָרדען.

מיר מוזען אלזאָ מאָביליזירען אַלע אונזערע קרעפטען און יעדען אטאָם פון ענערגיע צו דיעזען **קאַמפּיין פון 70 טויזענד מעמבערס** צו וועלכען אונזער עקזעקוטיווע רופט אונז.

איבער די צוימען, איבער די שטרויכלונגען, איבער די שטערונגען און איבער די שוועריגקייטען זאָלען מיר זיך אַ וואָרף טאָן אויף דער נייער אָנגעצייכענטער ליניע מיט יענער עקשנות'דיגער מאַכט, וואָס האָט געוואונען פאַר'ן אַרבייטער רינג די פּאָזיציאָנען אויף וועלכע ער שטעהט יעצט, אזוי זיכער, אזוי פעסט, אזוי שטאָלץ!

---

**איין מיליאן.** אַ מיליאָן דאָלאַר פאַר סאָציאַליסטישער **אויפקלעהרונג און פאַרטיידיגונג** און פאַר אַלע צוועקען פון קומענדען קאָנגרעשיאָנאַל־קאַמפּיין ווערט געזאַמעלט פון אַלע אמת'ע ליעבהאָבער פון פרייהייט אין אַלע עקען פון לאַנד. דאָס איז דער גרעסטער פאַנד, וואָס די סאָציאַליסטישע פאַרטיי האָט ווען געמאַכט פאַר דער גאַנצער צייט פון איהר עקזיסטענץ. מיט אַזאַ סאָלידער סומע וועט ווירקליך מעגליך זיין אָנצופיהרען ברייט און טיעף די פיעל צוזאָגענדע קאַמפּיינס אין ניו יאָרק, אילינאָיז, מינעסאָטאַ, אָקלאַהאָמאַ, קאַליפאָרניאַ, אָהייאָ, מישיגאַן, נעוואַדאַ, מאָנטאַנאַ און וואַשינגטאָן, ווי אויך אין אַלע איבעריגע סטייטס.

מיט אַזאַ באַדייטענדער סומע וועט מעגליך זיין צו פאַרטיידיגען די צעהנדליגע און הונדערטער סאָציאַליסטישע אָנגעקלאָגטע, וואָס שמאַכטען אין די פּריזאָנס מעהרסטענטיילס אונשולדיגערהייט, צוליעב דעם, וואָס עס איז נישט געוועזען קיין מעגליכקייט צו געבען זיי די נויטיגע לעגאַלע הילפע.

מיט אַזאַ ריעזיגער סומע וועט קענען פּרעזענטירט ווערען די סאָציאַליסטישע אידעע צו די ברייטע מאַסען פון אַמעריקאַנער פאָלק אין אַנקלאַנג מיט די געשעהענישען, וואָס וויקלען זיך פאַנאַנדער איבער דער וועלט, וועט קענען אריינגעבראַכט ווערען קלאָרקייט און ליכט אין די פאַרווירטע מוחות, וועט מעגליך זיין אויסצונוצען דעם יעצטיגען וויכטיגסטען מאָמענט פון דער מענשליכער היסטאָריע אין די אינטערעסען פון אַרבייטער קלאַס און די ברייטע פאָלקס מאַסען.

ווי נאָר עס איז באַקאַנט געוואָרען דאָס אונזער דזשענעראַל עקזעקוטיווע האָט באַשלאָסען צו באַטייליגען זיך אין דיעזען קאַמפּיין, זיינען שוין אונזערע בראַנטשעס איבערן לאַנד צוגעטראָטען מיט ליעבע און טרייהייט צו דיעזער אויפגאַבע

און אנדערע פון זיי האָבען זיך שוין טאַקע אריינגעוואָרפען מיט פייער און ברען אין דער הייליגער ארבייט.

די שיקאַגאָ'ער סיטי סענטראַל קאָמיטע איז געווען די ערשטע אָפּצורופען זיך אויף דעם אויפרוף פון אונזער דזשע־נעראַל עקזעקוטיווע און האָט באשלאָסען צו באטייליגען זיך אין דער אלגעמיינער שטאָדטישער קאָנפערענץ פאַר'ן מיליאָן דאָ־לאר פאָנד. די קאָנפערענץ פון אונזערע ברענטשעס אין וויס־קאָנסען סטייט האָט די צווייטע אויפגענומען די פראגע און האָט באשלאָסען צו ערפילען און פלייכט אויך איבערטרעפען די ערוואַרטונגען פון אונזער עקזעקוטיוו; — די ניו יארקער קאָנפערענץ, וועלכע איז באשטאַנען פון איבער 150 דעלעגאַ־טען, האָט מיט גרויס באגייסטערונג געשטעלט זיך די „קוואָ־טאַ" פון צעהן טויזענד דאָלאר פאַר'ן פאָנד און דער דווינס־קער בר. 75 האָט גלייך אויפ'ן אָרט בייגעשטייערט זיינע 100 דאָלאר.

עס וועט קיינעם נישט איבעראַשען, ווען דיעזער קאַמ־פּיין, אונזערער, פאַר'ן מיליאָן דאָלאר פאָנד וועט אריבערשטיי־גען אלעס, וואָס דער ארבייטער רינג האָט ביז אהער געוויזען. מיר וועלען מיט א קלאָפּענדען האַרץ און איינגעהאַלטענעם אָטעם נאָכפאָלגען דיעזע גראַנדיעזע באוועגונג, דיעזען מעכטי־גען קאַמפּיין, דיעזע מעכטיגע דעמאָנסטראַציע פון אונזער רייפ־קייט, ערצויגענהייט און קלאַסען־באוואוסטזיין.

---

**אונטער אַן אייגענער פּאָהן.** פונקט ווי מיר פיהלען די עולה פון עקאָ־נאָמישער עקספּלואַטאַציאָן פון איין מענש דורכ'ן צווייטען, און מיר שטרעבען, דאָס יע־דער מענש זאָל קריגען די פולע פּרוכט פון זיין ארבייט, אזוי פיהלען מיר אויך די עולה פון עקספּלואַטאַציאָן פון איין קלאַס דורכ'ן צווייטען, אדער פון איין נאַציאָן דורך דער צווייטער. דאָס זעלבע דארף אויך זיין ריכטיג אין בעצוג צו דער עקס־פּלואַטאַציע פון א נ ע ר ק ע נ ו נ ג. דער ארבייטער רינג מיט זיינע הונדערטער ברענטשעס איבער'ן לאַנד באטייליגט זיך אין אלע וויכטיגע געזעלשאַפטליכע ארבייטען וואָס ענטשפּרעכען די אינטערעסען פון די ברייטע אידישע ארבייטענדע מאַסען. מיר באטייליגען זיך אין די פּאָליטישע קאַמפּיינס, אין סטרייקס, אין קאָאָפּעראַטיווע באוועגונגען, אין זאַמלען פאָנדען פאַר פאַר־שיעדענע נויטיגע צוועקען, אין דער רעליעף־באוועגונג, אין די דעפענס ארבייט פאַר די אומשולדיג פאַרפאָלגטע ארבייטער־פיהרער, און אזוי ווייטער. צעהנדליגע טויזענדער דאָלאר א יאָהר ווערט געקליבען פון אונזערע מעמבערס און דורך אונזע־רע מעמבערס. פאַרוואָס זאָלען מיר דאָס פאַרשווייגען און לאָ־זען א נ ד ע ר ע נישט זעלטען טאַקי שונאים, צו שלאָגען דער־פון פּאָליטישען קאַפּיטאַל? פאַרוואָס זאָל עס טאַקי נישט פעסטגעשטעלט ווערען גענוי און פּינקטליך, דאָס דער א ר ־ ב י י ט ע ר ר י נ ג האָט בייגעטראָגען צו דיעזען, אדער יע־נעם סטרייק כך וכך? פאַרוואָס זאָלען, מיר נישט אלע אונ־זערע ביטראַגע שיקען דורך דעם דזשענעראַל אָפיס, וועלכער וועט קלייבען וועגען דעם א סטאַטיסטישען מאַטעריאַל און וועט קענען צו יעדער צייט מיט פּינקטליכקייט באריכטען ווי גרויס איז געווען די ראָלע פון ארבייטער־רינג אין דער אדער יענער אדורכגעפיהרטער ארבייט? אָט האָט אונזער טשער־מאַן פון דער דזשענעראַל־עקזעקוטיווע, פר. אב. עפּשטיין, צו־געשטעלט צו דער פּיפּעלס רעליעף קאָנווענשאָן אין קליוולאַנד אַ טשעק פאַר 20 טויזענד דאָלאר, אלס א טייל פון דעם ביי־טראַג פון דעם ארבייטער רינג פאַר די אידישע מלחמה קרבנות.

נו, קען מען דען פאַרגלייכען די אנערקענונג, די כ ש ר פ א ר־ד י ע נ ט ע אנערקענונג, וואָס מיר האָבען ד ע ר פ א ר געקריגען, צו די פיעלע פאָנדען, צו וועלכען מיר גיבען אונזער חלק גאַנץ גערען, אבער אין וועלכע מיר ווערען פאַרשלונגען און פאַרווישט, און אנדערע פוצען זיך אויס אין אונזערע פעדע־רען?

מיר האָבען אונזער באשיידענעם חלק כמעט אין דער פאַרשטאַרקונג פון יעדער יוניאָן, פון יעדען פּאַרטיי־ברענטש אויף דער אידישער גאַס; מיר העלפען אדורכטראָגען אויף אונזערע פּלייצעס נישט א י י ן ביטערען סטרייק און מיר באטייליגען זיך, און מיר ו ו ע ל ע ן זיך באטייליגען אין י ע ד ע ר געזעלשאַפטליכער באוועגונג אויף אונזער גאַס, וואָס דיענט די אינטערעסען פון אונזערע מאַסען. מיר האָבען אָבער קיין אורזאַכע נישט צו באַהאַלטען זיך אונטער עמיצענס רוקען, און צו לאָזען א ו נ ז ע ר שיף שווימען אונטער אַן אנדער פאָהן.

מיר פאַרלאַנגען נישט דעם קרעדיט, וואָס עס קומט אונז נ י ש ט, אבער מיר פ אָ ד ע ר ע ן דאָס, וואָס עס קומט אונז יאָ. און מיר פאָדערען עס פריהער פון אלץ פון אונזערע ברענטשעס גופא, וועלכע פאַרגעסען, ליידער צ ו אָפט, אָז אונזער ק ר ע ד י ט, כאָטש נישט אזוי אָפט וועגען אונזער ר ע ב י ט.

מיר דארפען זעהען דאָס אונזער שיף זאָל ש ו ו י מ ע ן אין די טיעפסטע און ברייטסטע וואַסערען, אָבער אונטער איהר אייגענער פלאַטערענדער פאָהן.

---

**געאָרג פּלעכאַנאָוו.** דער טראַגישער טוידט פון דעם גרויסען רוסי־שען קעמפּפער און לעהרער, געאָרג פלעכאַנאָוו האָט אויפגעטרייסעלט נישט נאָר די ענגערע קרייזען פון די רוסישע סאָציאליסטען נאָר האָט אויך געמאַכט אַן ערשי־טערענדען איינדרוק איבער דער גאַנצער מאַרקסיסטישער וועלט. מיט דער אויסנאַהם פון פרידריך ענגעלס און קאַרל קאַוטסקי איז אָהן שום צווייפעל פלעכאַנאָוו געווען דער גרעסטער מאַרק־סיסט נאָך מאַרקס'ן. נישט נור האָט ער צוגעשמידט די אויפ־מערקזאַמקייט פון דער דענקענדער ר ו ס י ש ע ר אינטעלי־גענץ צו דער נייער פילאָזאָפיע, נאָר אפילו ווייט, ווייט איבער די גרעניצען פון רוסלאַנד האָט פלעכאַנאָוו געווירקט אלס איי־נער פון די גרעסטע אויטאָריטעטען אין וויסענשאַפטליכען סאָ־ציאליזם.

דער איראָנישער שיקזאַל האָט עפּעס ווי בייזוויליג ארויס־געשטעלט דעם גרויסען לעהרער צו גרינגשעצונג און זאָגאַר צו לעסטערונג ביי דעם רוסישען פּראָלעטאַריאַט גראַדע אין דעם מאָמענט, ווען ער האָט זיך באַפרייט פון די צאַרישע קייטען.

און מעגליך דאָס זיין גאָנ'ישער געהירן און ברייטע פיה־לענדע האַרץ האָבען אזא טראַגעדיע נישט געקענט אריבערטראָ־גען. ער, וואָס האָט אזוי מוטיג געטראָגען די משא פון דריי צעהנדליג יאָהר גלות און קאַמפּף, האָט שוין נישט געקענט אריבערטראַגען, וואָס די באוועגונג, וועלכען ער אליין האָט גע־האָלפען שאַפען, האָט איהם מיט איהר אימפּעטיגען עלעמענטאַ־רען כח אראָפּגעשלײדערט אין דעם תהום פון די פאַרשטויסע־נע, פאַראורטיילטע און באַזיעגטע...

מיד געפינען אָבער אין דיעזער שרעקליכער טראַגעדיע די איינציגע טרייסט, דאָס נישט לאַנג וועט דויערען און דער רו־סישער פּראָלעטאַריאַט, ווי אויך דער באַפרייטער ארבייטער קלאַס פון דער גאַנצער וועלט, וועט דעם פאַרשטאַרבענעם, מיט

פארשטאנענעס געארג פלעכאנאוו מיט עהרפורכט אריינגנעהמען אין דעם עהרען בוך פון זיינע גרעסטע לעהרער און פארקעמפפער, וואס ער האט ווען עס איז געהאט.

---

**די פיפעלס רעליעף און אונזער שטאנדפונקט.**

ווען אונזער פיטסבורגער קאנווענשאן האט נישט געשטעלט אויף איהר טאגעס־ארדנונג די פראגע וועגען קאנגרעס פאר פאלעסטינא, האט די אידישע באלאבאטישע פרעסע נישט געהאט גענוג ביטערע ווערטער געגען די „מאשין", וואס האט דערשטיקט די פראגע מורא האבענדיג „טאמער וועט די רענק און פייל רעוואלטירען און ארויסזאגען זיך פאר א קאנגרעס." אין דעם דזשולאי נומער „פריינד" האט שוין פריינד צביון באוויזען ווי פאלש און צבוע'אטיש דיזע זארטען פארטייטשונגען זיינען געוועזן.

עס איז נור אינטערעסאנט, וואס די פיעלס רעליעף קאנווענשאן, אין קליוולאנד, האט זיך אויך געשטעלט אויף דעם זעלבען „פאלשען" שטאנדפונקט און האט אויך נישט אויפגענומען די פראגע, נאטירליך, צוליעב דיזעלבע מאטיווען וואס מיר, נישט שפעלענדיג אנבינדען אויף קיינעם קיינע מיינונגען אדער סימפאטיען, וואס האבען נישט קיין דירעקטען שייכות מיט דער ארגאניזאציאן.

דיזען פאקט האט שוין די באלאבאטישע פרעסע פארשוויגן אדער קונציג פארבויגען. „וואס עס לוינט זיך געקלונגען — אס נישט, איז פארשלונגען". די גאטס־פארכטיגע צייטונגען האלטען זיך שטאל און אייזען פאר דיזען טייוועלשען כלל...

---

**ענגליש שפרעכענדע ברענטשעס**

מיט אונזער שטענדיגען וואוקס און מיט דער שטייגענדער פאפולאריטעט, וואס דער ארבייטער רינג ערווערבט זיך אין לאנד, מאכען זיך אויף וועלכע ברייטע האריזאנטען פאר אונזער פארשפרייטונג פון וועלכער מיר האבען פריהער אפילו נישט גע'חלומ'ט. אט איז ניט לאנג צוריק געקומען אין אפיס א דעלעגאציע פון געבילדעטע ראדיקאלע ניגערס און פארהאנדעלט מיט אונזער גענעראל סעקרעטער, פר. באסקין, וועגען אנשליסען זיך אלס א ברענטש פון ארבייטער רינג. ווי עס זאל נישט זיין פריהצייטיג פאר אונז דאס אריינגעהמען פון נייע, פרעמדע עלעמענטען, ווי ניגערס א. אז. וו. צוליעב פארשיעדענע טעמים, איז עס אבער קלאר, דאס מיר פארנאכלעסיגען אונזער ארבייט, אין ווענינגסטען, צווישען די אידישע ענגליש שפרעכנעדע ראדיקאלע עלעמענטען, פון וועלכע מיר וואלטען געקענט גרינדען א גאנצע רייהע ברענטשעס אויסער די עטליכע, וואס עקזיסטירען שוין. אין אן אנדער ארט אין דיזעז נומער וועט דער לעזער געפינען דעם אויפרוף פון דער יאנג אמעריקאן ברענטש 2 שיקאגא. ער איז ווירקליך אין צייט און מיר וועלען זיך מסתמא נישט איין מאל אומקעהרען צו דיעזער וויכטיגער פראגע. דערווייל ווילען מיר נור נאך אמאל אונטערשטרייכען די וויכטיגקייט און צייטיגקייט פון אונזער פארשפרייטונג און אנג אין פערשיעדענע ווייט־פיהרענדע ריכטונגען.

---

**דער און קאנסטיטוציע.**

סענאטאר אוענס געזעץ וועגען קינדער־ארבייט, וואס איז דורכגעגאנגען ביידע הייזער פון קאנגרעס און איז גע'חתמ'עט געווארען אויך פון פרעזידענט, איז ערקלערט געווארען פון סופרים קאורט אס אונגעזעצליך. דער געזעץ האט זיך באצויגען נור אויף די באגרענעצונג פון קינדער־ארבייט און נישט חס ושלום אויף דער גאנצער אפשאפונג. עס איז פארבאטען געווארען צו פיהרען די פראדוקטען וואס זיינען געשאפען געווארען פון קינדער־ארבייט פון איין סטייט אין א צווייטען אריין. אין דעמזעלבען סטייט האט מען אבער געמעגט, (אויב עס איז נישט געווען קיין ספעציעלער סטייט געזעץ), פראנק און פריי פארקויפען די פראדוקטען, וואס קינדער האבען מיט זייער שווייס און בלוט געשאפען, אפט אונטער די שרעקליכסטע באדינגונגען.

האט אלזא, אפילו דיזען האלב־געבאקענעס הומאניטארען געזעץ, אונזער סופרים קאורט געפונען פאר צו רעוואלוציאנער און אין געגענזאץ מיט דער קאנסטיטוציע.

פרעהט זיך, אלזא, איהר קליינווארג פון אלאבאמא, דזשארדזשיא, טענעסי און לואיזיאנא! א גדולה אויף אייך! די סופרים קאורט אליין וואכט איבער אייך... קיינער וועט יעצט שוין נישט שטערען אייער פרייהייט — צו ארבייטען. כאפט אריין טאקע יעצט וויפיעל איהר קענט... וואס טויג אייך אזעלכע נארישקייטען ווי לערנען זיך און שפיעלען זיך — דערצו נאך, ווען פינף קלוגע סופרים קאורט דזשאדזשעס געפינען, אז דאס איז געגען די קאנסטיטוציע.

---

**די צווייטע קאנווענשאן פון די אידישע קאאפעראטיווען.**

די אידישע קאאפעראטיווע פעדעראציאן האט אין די ענדע פון דזשון אפגעהאלטען איהר צווייטע קאנווענשאן אין פעטערסאן, אויף וועלכער דער ארבייטער רינג איז אויך געוועזן פארטראטען דורך צוויי פראטוידנאל דעלעגאטען.

צווישען די פארשיעדענע אנגענומענע רעזאלוציאנען איז פארהאן איינע וועלכע ציהט ספעציעל אונזער אויפמערקזאמקייט. זי פאדערט אויף אלע ארבייטער ארגאניזאציאנען און ספעציעל די ארבייטער־רינג ברענטשעס צו נעהמען אן אקטיווען אנטייל אין דער ארגאניזירונג פון נייע קאאפעראטיווען ווי אויך באטייליגען זיך אין דער ארבייט פון די שוין עקזיסטירענדע קאאפעראטיווען.

אייגענטליך האבען מיר נישט געדארפטווארטען ביז וואנען א קאנווענשאן פון קאאפעראטיווען זאל אונז דערמאנען אן אונזערע פליכטען. דער ענטוויקלונגס־כח פון ארבייטער רינג איז שטענדיג באשטאנען אין דעם, וואס ער האט געוויסענהאפט און ענערגיש זיך באטייליגט אין אלע מאסען־באוועגונגען אויף דער אידישער ארבייטער גאס און האט בייגעטראגען זיין באשיידענעם חלק צו די ענטוויקלונג פון די יוניאנס און סאציאליסטישע פארטיי־ברענטשעס וואו ער האט נאר געהאט א געלעגענהייט. די קאאפעראטיווע באוועגונג ביי אונז איז די אינגסטע, אבער בשום אופן נישט קיין שטיף־קינד, וואס מעג זיך ענטוויקלען פארוואָרלאזט און אויף גאט'ס באראט. אונזער אייגענע ארבייטער רינג באוועגונג איז בעצם נאר א פארמע און א גליעד פון דער אלגעמיינער קאאפעראטיווער באוועגונג.

דערמאנען מיר זיך נאך די צייט אין וועלכע מיר לעבען, די פרייזען וועלכע מיר דארפען יעצט צאהלען פאר אונזערע פראדוקטען, די פראדוקטען, וועלכע ווערען פון פיעלע געוויסענלאזע ביזנעס־לייטע געפעלשט, דער שווערער יאך פון לעבען אלין מעהרער אנגעלאדען אויף אונזערע פלייצעס, מוזען מיר קומען צו דער מיינונג, דאס די ארבייטער רינג ברענטשעס מוזען אויף זיך נעהמען די איניציאטיווע אויפצוהויבען א בדיי־

טע קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג, וועלכע זאָל פּרובען ענטפערען אויף די אַלע פאַרשאַלטענע נויטען און פאָדערונגען און זיך פאַראינטערעסירען אין די אַלטע קאָאָפּעראַטיוועס, וועלכע זיינען שוין געגרינדעט.

גלייכצייטיג מאַכען מיר אויפמערקזאַם אונזערע מעמבערס און לעזער אויף די ערשיינונג פון דעם ערשטען נומער פון דער „קאָאָפּעראַטיווער וועלט", — דער אָרגאַן פון דער פעדעראַציאָן פון די אידישע קאָאָפּעראַטיוועס. ער ענטהאַלט אַרטיקלען פון פיליפּ קראַנץ, אַ. ליטווין, א. סטאָלינסקי, היימאַן קאָהען, ה. גראַף און אַנדערע ווי אויך פאַרשיעדענע אינפאָרמאַציאָנען אין שייכות צו דיעזער באַוועגונג.

אין אַלגעמיין וואָלטען מיר ראַטהען אונזערע ברענטשעס ווען זיי געהען זיך נעהמען פאַר וועלכע עס איז קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעהמונגען, דאָס זיי זאָלען זיך צום ערשטען שטעלען אין פאַרבינדונג מיט דעם פעדעראַציאָנס אָפיס פון די קאָאָפּעראַטיוועס, וואָס געפינט זיך אויף 61 סעקאָנד עוו., ניו יאָרק, און דערביי אויסמיידען פאַרשיעדענע טעות'ן אָדער ריזיקאַלישע טריט. מיר מוזען זיך נעהמען צו דער אַרבייט, אָבער נישט אונבאַוואוסטזיניג און אונערפאַהרען, נור באַוואַפענט מיט וויסען און אינפאָרמאַציאָן און מיט אַ פולשטענדיגען באַוואוסטזיין און גלויבען דאָס די אונטערנעהמונג מ ו ז זיין אַן ערפאָלג.

---

אונזערע שוועסטער און פרויען

-יאָהרען געליטען; אַליין, אין דער שטיל, אָפטמאָל מיט די ליפּען פאַרביסען, פאַרקנוילט מיט'ן שוואַכען פרויען־פויסט.

זעהר זעלטען אַ געשריי געגעבען און ווידער שטיל, אַפּאַטיש, האָפנונגסלאָז... אָפטמאָל שפּאָט, נישט זעלטען אויך ווילקיר פונ'ם אייגענעם, פונ'ם נאָהענטסטען. צייטענווייז אויך פּין דעם, וואָס מ'האָט עס אַמוועניגסטען געדאַרפט ערוואַרטען, פון ראַדיקאַל וואָס האָט נאָך נישט געהאַט גענוג צייט זיין קאָנסערוואַטיווע בלוט צו רייניגען...

ווי עס זאָל נישט קלינגען אונגלויבליך האָט מען אַפילו אין אונזער אַרבייטער־רינג מיט 13-12 יאָהר צוריק נאָך געדאַרפט אָנפיהרען אַ קאַמפּף, און אַ גאַנץ ביטערען, דאָס מ'זאָל פרויען אריינגעהמען אין אַרבייטער רינג אַלס געזעצליכע און גלייכבאַרעכטיגטע מעמבערס. ווי פר. ס. וואַלאַס, וויסטשערמאַן פון אונזער דזשענ. עקזעקוטיווע גיט איבער, האָט מען ערשט אין 1906 אריינגענומען אין דווינסקער בר. 75 די ערשטע פרוי, מיס ר. ברוידע (יעצט אַ מיטגליעד פון סעמעטערי דעפּאַרטמענט) און דאָס נאָך עפּעס אויף אַ רעוואָלוציאָנערען אופן. ביז יענער צייט זיינען נור פרויען געוואָרען צוגעלאָזען צום דריטען קלאַס אַליין און ס'האָט געדאַרפט קומען דער באַריהמטער בונדישער ברענטש און ברעכען דעם צוים.

אינגאַנצען צוועלף יאָהר אַוועק. אָבער וואָס פאַר אַ יאָהרען... יעצט פּלאַנעוועט די עקזעקוטיווע און די אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע אַ קאַמפּיין צווישען די פרויען. יעצט ווענדען מיר זיך צו אייך: ליעבע שוועסטער, ליעבע פרויען, איהר פעהלט אונז, קיינער קען א י י ע ר פּלאַץ נישט פאַרנעהמען, און עס וואַרט אויף אייך. מיר האָבען אַ געמיינזאַמען קאַמפּף, אַ שווערען, ביטערען קאַמפּף צו פיהרען. זאָלען מיר עס טאָן צוזאַמען, מיר לאַדען אייך איין, ניין, מיר רופען אייך אין אונזערע רייהען. און אויב מיר דאַרפען ביי אייך בעטען פערציייהונג פאַר דאָס פאַרגאַנגענע — טוען מיר עס, און פון גאַנצען האַרצען...

---

דער „פריינד" און די פריינדע.

ווי אונזערע לעזער זעהען, הויבען ביסלעכווייז אָן אונזערע פאַרזיכערונגען פאַרווירקליכט צו ווערען. אונזער זשורנאַל ווערט אַביסעל לעבעדיגער און אינטערעסאַנטער. איהר וועט געוויס באַמערקען די נייע אַבטיילונגען פאַר קינדער, ערציהונג, היים, פּובליציסטיק, וויסענשאַפט, בעלעטריסטיק, אויסער די פריהערדיגע אַבטיילונגען און די אָפיציעלע אָרגאַניזאַציאָנס־נייעס. מיר האָבען איינגעלאַדען מיטצואַרבייטען אַזעלכע שרייבער, ווי אברהם רייזען, שלום אַש, אָלגין, מ. ווינטשעווסקי, ליטווין, צביון, סאַלוצקי, א. ש. זאַקס, פיליפּ קראַנץ, דר. קאַספּע, דר. מעריסאָן, דר. ה. קאָהען, אב. וויקטאָר, י. פיראָזשניקאָוו, ק. מרמר, ש. ראַבינאָוויטש און אַנדערע.

די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע צוזאַמען מיט'ן רעדאַקטאָר, וועלען טאָן דאָס בעסטע אונטער די אומשטענדען, צו מאַכען דעם „פריינד" אַזוי ערפאָלגרייך, ווי די איבעריגע אינסטיטוציעס פון אַרבייטער רינג. עס בלייבט נאָר איבער פאַר אייך פריינדע, צו העלפען אונז מיט וואָס איהר קענט. ברענגען אין אָרדנונג אונזער מיילינג ליסט, פאָדערט פון אונז אדרעסען ליסטען אויסצובעסערען די אָנגעקליעבענע טעות'ן פון וועלכע איהר ווייסט. זאָגט זיך אַרויס, פון צייט צו צייט, וועגען די פאַרשיעדענע אָבטיילונגען אין „פריינד" און מיר וועלען זיך, ווי ווייט מעגליך, רעכענען מיט אייערע מיינונגען.

---

דו וואונדערסט זיך מיין פריינד, פאַרוואָס טאָרען זיך ניט זעצען די שטוהל־אַרבייטער אויף די שטוהלען ווען זיי אַרבייטען? די זעלבע אורזאַכע פאַרוואָס די שניידער געהען קרוע ובלוא, די שוסטער באָרפיס און די וועבער נאַקעט: די אורזאַכע, וואָס די וואָס אַרבייטען האָבען אַליין נישט די מאַשינען מיט וואָס צו אַרבייטען — די אַלגעמיינע קללה פון דער איצטיגער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג.

* * *

דער מיליאָן־דאָלאַר־פאָנד איז דער אמת'ער גאולה־פאָנד. זאָלען מיר אויסקלייבען אַ צעהנדליג אייגענע פאַרטרעטער אין וואַשינגטאָן, וואָס זאָלען דענקען ווי מיר דענקען און פיהלען וואָס מיר פיהלען. און רופען דעם אַרבייטער־קלאַס צו אָרגאַניזאַציאָן און באַפרייאונג...

* * *

עס איז חושך־פינסטער. ביז וואַנען די זון וועט אויפגעה[...] דאַרף מען דערווייל האָבען אַ לאַנטערן: עס איז שלעכט און ביטע[...] און ביז וואַנען סאָציאַליזם וועט קומען דאַרף מען האָבען די שטיצ[...] און הילפע פון אַרבייטער רינג.

* * *

איהר קענט ווערען אַ מיליאָנער אַרבייטענדיג פאַר'ן מיליאָ[...] דאָלאַר פאָנד.

* * *

אַן אַרבייטער באַלאַנגענדיג צו אַ געוועהנליכער לאָדזש או[...] נישט צום אַ ר ב י י ט ע ר ר י נ ג איז געגליכען צו אַ פיש, וואָ[...] וויל אַ שווים טאָן אין טיעפערערען, זיכערען וואַסער און גיט זי[...] גאָר אַ שליידער אַרויס אויף דער יבשה...

* * *

פאַרטראַכט זיך, פוליוכט קאָנט איהר אָרגאַניזירען אַן ענגליש[...] שפּרעכענדען ברענטש פון אַרבייטער רינ. ביי אייך אין שטאָדט?

* * *

נאָך אַ פּאַסענדער מעמבער אין ברענטש איז נאָך אַ טייער[...] דימאַנט אין רינג...

* * *

געהערסטו מיט מיר אין דער י ו נ י אָ ן — ביזטו מי[...] ברודער, אין אַ ר ב י י ט ע ר ר י נ ג אויך — ביזטו אויך מי[...] פריינד, אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אויך — ביזטו אַל[...] צוזאַמען — מיין ברודער, מיין פריינד, מיין חבר, מיין גענאָס[...]

# שטיקלעך און ברעקלעך

פון י. ב.

אָרעמע „שטיקלעך און ברעקלעך”. א לאַנגע צייט געוועזן פאַרלאָזען, פאַרוויסטעט. עס האָט זיך עפּעס ניט געוואָלט ארויסנעהמען זיי פון שראַנק, וואו זיי האָבען זיך גאַנץ באַקוועם געפיהלט אין די הייסע זומער טעג. אין גרויסע שטורמישע צייטען, אין א עפּאָכע פון גרויסע וועלט איבערקעהרענישען און אומוועלצונגען זיינען פאַראַן גרויסע פּראָבלעמען, וויכטיגע טאַגעס־פראַגען צו פאַרהאַנדלען. אָפּגעבען זיך מיט קלייניגקייטען איז ניט צוועקמעסיג, ניט פאַסיג. נאָר וואָס טוט מען, אַז אין אונזער אָרגאַניזאַציאָן זיינען פאַראַן אידען, וועלכע לעבען מיט אַלטע טראַדיציעס, האַנדלען לויט אויסצעאַרבייטע וועגען פון מיט יאָהרען צוריק און דענקען אַזוי קליינליך, אַזוי פאַרדאַמט פערזענליך, אַז עס ווילט זיך זיי נעבען א שטיקעל חלק, אָ קליינע פּאָרציע, וואָס זיי פאַרדיענען דורך שטיקלעך, דורך ברעקלעך. ערנסט קען מען זיי ניט נעהמען, ווייל זיי אַליין נעהמען זיך ניט ערנסט.

---

און אַזעלכע אידען האָבען זיך לעצטענס געפונען צווישען אונזערע רייהען, וואָס זיי האָט זיך פאַרגלוסט צו ווערען פּאָפּולער, צו קריגען א נאָמען און טאַקע אין דער עפענטליכקייט. און אַזוי ווי דער רבונו של עולם האָט זיי באַזאָרגט מיט א ספּעציעלע טעגליכע צייטונג, וועלכע דרוקט אַלץ, וואָס עס קומט נאָר אַריין, גיט זיי פּלאַץ פאַר אַלע זלזולים און רבילות, וואָס דיזע אידען זיינען אומשטאַנד ארויסצושיטען פון זייערע מיילער. און אַזוי ווי גאָט האָט זיי צוגעשיקט אַן עקזעקוטיוו קאָמיטע אין ארבייטער רינג, נו, דאַרפט איהר שוין גאָר ניט פרעגען. און ויפתח ה' את פי האת'ן און מען שיט פּערל פון ליטעראַטור אויף וואָס די וועלט שטעהט. א רינשטאָק איז א קוואַל פון ריינע וואַסער אין פאַרגלייך מיט זייער זויבערקייט.

---

מיר קענען זיך ניט אָפּשטעלען אויף אַלע חכמות, וואָס וואָרט איז געזאָגט און געשריבען געוואָרען. נאָר אָט נעהמט זיינעם פון די בעסטע. א סעקרעטער פון מינסקער ברענטש, אין די קאָנטרי, פאַרווילט זיך רייבען א מאָרדע דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע פון אַ. ר. אָבער רייבען א מאָרדע צווישען זייגנע מעמבערס פון אַרבייטער רינג איז דאָך סתם ניט קיין שכל, מען וויל דאָך אַז די גאַנצע וועלט זאָל וויסען, אַז עס איז דאָ א איד א רעוואָלוציאָנער, א רעבעל, א רויטער שברויער; מען וויל דאָך, אַז די גאַנצע יודענטום זאָל וויסען, אַז אין אַרבייטער רינג איז אַלעס אַלט, פאַרשימעלט, פאַרטוכליעט, ווייל די איצטיגע עקזעקוטיווע שטעהט ביים רודער. דער איד איז פון די „רעוואָלוציאָנערען” פון די רעפאָרמער אין אַרבייטער רינג. לאָזט ער דאָס וויסען בקול רמה. ער שרייט זוי, אַז עס גרילצט אייך אין די אויערען; עס ווערט אייך איינפאַך ניט גוט פון דיזען נודניק, ניט ווייל ער פּראָטעסטירט געגען שימעל, אָה ניין, נאָר דערפאַר ווייל איהר ווייסט, אַז יעדעס וואָרט איז פאַלש, יעדע באַשולדיגונג איז א מורא'־גער ליגען, יעדע באַהויפּטונג איז געוואָרפען שמוץ און שאַנדע אויף דער גאַנצער אָרגאַניזאַציאָן. איהר פיהלט, אַז יעדער מעניש, וועלכער האָט די קלענסטע אַבטונג צו זיך און צו זיין אָרגאַניזאַציאָן, וואָלט דאָס ניט געוואַגט צו טאָן. אָבער אייניגע פון אונזערע אידען האָבען פאַרלאָרען אַבטונג צו זיך און אַבטונג צו דער גאַנצער אָרגאַניזאַציאָן; זיי שפּייען זיך אַליין אין פּנים און שפּייען אויף דער אָרגאַניזאַציאָן. זיי שטעהען אויף א גאַנץ אַנדער שטופע, ווי די רוסישע אונטערפּיצערישע. יענע שמייסט זיך אַליין אָפּ, טוט קיינעם קיין רוה ניט, עס טוט איהר אַליין וועה, נו, איז דאָך דאָס איהר קערפּער, קען זי טאָן מיט איהם וואָס זי וויל. אונזערע אידען שפּייען זיך אין פּנים און זיי ווייסען גאָר ניט וואָס זיי טוען. זיי שפּייען זייער אָרגאַניזאַציאָן אין פּנים און טוען דאָס ביי־זווילינ, מיט די ערגסטע אַבזיכטען, און איבערהויפּט ווייל אין זיי רעדט דער פּערזענליכער געפיהל.

---

אין אַרבייטער רינג איז טויט — אַזוי שרייבט אונזער רעוואָלוציאָנער, „און טויט איז ער צוליב דעם, וואָס די עקזעקוטיווע דריקט אונטער יעדען פרייען געדאַנק. און וועת איז צו דעם ברענטש, וואָס האָט די העזה ווידערצושפּעניגען. מען אינטערעסירט זיך נאָר מיט פראַגען פון קרקע, פון בענעפיט, פון אַנדערע אַזעלבע זאַכען און מעהר ניט. זאָגט מיר ליעבער טייערער סעקרעטער, האָט אייך ווירקליך די עקזעקוטיוו אַזוי צוגעשטיקט און צוגעדריקט, אַז איהר האָט פאַרגעסען צו דערמאָנען זיך, אַז אויף דער וועלט עקזיסטירט אַזאַ זאַך ווי יושר, אַנשטענדיגקייט און נאָך אַזעלבע זאַכען. האָט איהר ניט געפיהלט,אַז איהר האָט זיך אַביסעלע צו מליצה'עט און אייער פאַנטאַזיע האָט זיך אַזוי צושפּיעלט, אַז איהר האָט גאָר פאַרגעסען וואו איהר זייט אין דער וועלט. זייט איהר אַמאָל געוועזן ביי א מיטינג פון אַרבייטער רינג ברענטשעס. האָט איהר גאָר ניט געהערט ווי עס ווערען ביי די ברענטש מיטינגען פאַרהאַנדעלט פראַגען פון יוניאָניזם, פון סאָציאַליסטישען קעמפּיין, פון שטיצע פאַר מלחמה ליידענדע, פון קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג, פון לייבאָר לייסעאומס און נאָך און נאָך פאַרשיעדענע אַנדערע פראַגען, וועלכע האָבען צו טאָן מיט די באַדערפנישע פון די ברייטע מאַסען מיט זייערע שטרעבונגען, מיט זייערע ליידען און פריידען? גאָר ניט, א וואָרט ניט געהערט וועגען דעם?! און האָט איהר אַמאָל באַטש געלעזען די רעפּאָרטס פון דער נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו קאָמיטע? איז דאָרט אויך נאָר באַשריבען וועגען קרקע, בית עולם, בענעפיט און ניט מעהר? דערמאָנט זיך טייערער פריינד! אפשר וועט איהר דאָך איינזעהן אייער מיסטייק! איז ניט א פאַקט, אַז די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו קאָמיטע פון אַ. ר. ביי איהרע מאָנאַטליכע מיטינגען גיט אָפּ מעהר צייט צו פראַגען פון געזעלשאַפטליבען כאַראַקטער, ווי צו דירעקטע אָרדער פראַגען? נאָר אפשר קענט איהר ניט לעזען, וועלען מיר אייך ארויסהעלפען. די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט געעפענט ספּעציעלע שולען פאַר ניט דערוואַקסענע. און אַזוי ווי שרייבען קענט איהר (??), וועט איהר לעזען גיך איבערנעהמען. און דאַן וועט איהר פילייבט זיך מודה זיין, אַז איהר האָט אַביסעלע אַריבערגעכאַפּט די מאָס, און אפשר טאַקע אינגאַנצען צוריקרופען אייער „פערעלדיגען” אַרטיקעל. נאָר איך האָב מורא, אַז דאָס וועט זיין אַן אומזיסטע טרחה. די רעדאַקציאָן וועט אייך דעם אַרטיקעל ניט צוריק געבען; אַזעלכע „שרייבער” ווי איהר־זייט, זיינען פאַר זיי אַן אבן טוב.

---

מיר האָבען געזאָגט, אַז פיעלע פון אונזערע אידען האָבען אין זיך דערפיהלט דעם כח פון שרייבען און פּאָדאַוואַי, גיסען פּעך און שוועבעל אויף דער עקזעקוטיווע — אויף די פיהרער פון קאָנווענשאָן און אויף וועמען איהר ווילט נאָר. פאַר וואָס ניט? קיין געלט קאָסט ניט, מעג דאָך א איד טאָן וואָס ער וויל. אי קאָלומבוס, וואָס פאַר א טייערע מדינה דו האָסט דאָס ענדעקט! עס איז פריי, שרייבט מען, רעדט מען פון הייז, פון פייער און פון וואַסער, אָהן א שיער און אָהן אַן ערך. אמת, צו ליעגען, ווער קימערט זיך דאָס וועגען אַזעלכע קלייניגקייטען. אָנגעשריבען, אָפּגעדרוקט און פאַרטיג. „סי נאָ ווערע, בענע טראָוואַטאָ”, זאָגט דער גוי. דאָס הייסט, אויב ניט אמת, איז דאָס אָבער גוט אויסגעטראַכט. די צרה אָבער מיט אונזערע אידען, וואָס זאָגאַר אויסטראַכטען א מעשה

קענען זיי אויך ניט, ווי געהעריג. און פרעג, ווער שטויסט זיי צו אויסטראכטען נארישקייטען? וואס געווינען זיי דער־מיט? צוליעב האבען דעם נאמען געדרוקט אין דער צייטונג, לוינט זיך דאס ניט. גלויבט מיר, אז עס באצאהלט זיך גאר נישט. צו וואס נודיען פרעמדע מענשען, וואס זיינען זיי נעבעך שולדיג?

---

אט וואהנט א איד אין א קליין שטעדטעל אין ניו־דזשוירסי. דוכט זיך גאנץ גוט. קיינער באדערט איהם ניט, קיינער חלילה באליידינט איהם ניט. דוכט זיך א מענש ווי אלע מענשען, פיליכט נאך א היימישער משכיל אויך. ווערט ער אבער געשטדויכעלט און עס פארוועלט זיך איהם ווערען פאפולער, צו זעהן זיין נאמען געדרוקט. נו, דארף איך אייך ניט דערצעהלען וואס דער איד האט דארט ניט אנגעשריבען. האט א מערקווירדיג פאעטישע פאנטאזיע, א כפרה טויזענד דאנטעס מיט שעקספיערם און געטעס. ווען מען לאזט איהם צו צום שיסעל, וואלט ער זיכער געשאפען אן ארבייטער רינג א מוסטער, אז די וועלט וואלט נעקוואלען. וואלט מען ארויס־געשיקט די פראגע וועגען פאלעסטינא צו רעפערענדום, וואל־טען 99 פראצענט מעמבערס אויסגעשריען אין קול „פאלעס־טינא” און וואלטען זיך גענומען גלייך פאר די הענט מאר־שירענדיג, אריבערשפרייזענדיג פון גרוים אימפעט דעם גאנ־צען ים המלח. פארשטעהט זיך, אז די עקזעקוטיווע וועט דאס ניט דערלאזען. זי האט מורא פאר איהר ממשלה, זי וויל געוועלטיגען איבער שקלאווען. פרייע מענשען קען זי ניט דולדען און דארום... נאר ענטשולדיגט, צו קיין שליסע קומט אונזער פריינד ניט. ער האט נאך פיליכט ניט אינגאנצען ארויסגעזאגט וואס ער האט אויפ'ן צונג, און ווער ווייס, אפשר האט ער נאך ביי זיך גאנצע וועלטען פון חכמה. ער שטעהט אין שטעדטעל אויפ'ן פלאנקען, גאר להבדיל ווי משה אויפ'ן שפיץ בארג, באטראכט אלעס וואס עס ארום טוט זיך, דענקט ווארשיינליך, אז ער זעהט די גאנצע וועלט. א ראיה האט איהר, אז ער רעדט אינ'ם נאמען פון 99 פראצענט מעמבערס. אבער איהר ווייסט דאך ווי דער פויער זאגט: „סמאטריט אוב קניגו אי ווידיט פיגו.” און געה ווייס, אז די פאלעסטינא פראגע וועט אזוי ארפפיהרען אייניגע פון גלייכען זין!

---

| | | |
|---|---|---|
| לואיס ריינגאלד. | **רחמנות** | דראמאטישעם בילד אין 1 אקט. (ארבייטער רינג — געווידמעט.) |

### פערזאנען:

יצחק בערמאן, שווינדזיכטיג, אלט 45 יאהר.
זלאטע, זיין פרוי, אלט 45 יאהר.
פעני, זייער טאכטער, אלט 20 יאהר.
מאריס פיינבערג, זלאטעס ברודער, אלט 30 יאהר.
מר. ווארגער, לאדזשען סעקרעטער, אלט 40 יאהר.
מים סמיטה, אלט 18 יאהר.

(האנדלונג: אין בערמאן'ס הויז. צייט: פארמיטאג.)

**ביהנע:** אן ארים מעבלירט שפייז־צימער. אויף די ווענט בילדער פון מאזעס מאנטיפעאר און קארל מארקס, אויך א שעהן יוגענד בילד פון יצחק בערמאן.

סצענע: זלאטע קעהרט אויס די שטוב.)

**פעני** (קומט פון גאס, לאנגזאם. בליק און גאנג נאכלעסיג. טוט אויס מאנטעל און הוט.)

**זלאטע** (קוקט אויף איהר צערטליך און פרעגט): נו?

**פעני:** גאר ניט. (זלאטע זיפצט). זיפצען וועט ניט העל־פען, מאמע!

**זלאטע:** זיפץ ניט, אז די צרות זיינען איבער'ן קאפ. רענט שולדיג פאר צוויי חדשים. דער גראסערי מאן רייסט די פאלעס, דער בוטשער לאזט מיר אויף די אויגען ניט, און פון מילך מאן איז ניט אויסצוהאלטען. אלע ווילען! פון וואנעט? פון וועמען? מילא, דער טאטע קען זיך ניט העלפען, געשטראפט פון גאט, קוים וואס די נשמה דערהאלט זיך אין איהם, אבער ווער צווינגט דיך צו סטריי־קען?

**פעני:** מיך צווינגט קיינער ניט. ס'איז מיין פליכט צו מיי־נע מיטמענשען!

**זלאטע:** אין אזא צייט אבער, אין אזא צייט! (זלאטע ווישט זיך די אויגען מיט א ברעג פון פארטוך. פויזע.) פעני, דער חלף ליגט אויפ'ן האלז.

**פעני:** מאמע! בעסער שטארבען פון הונגער אלס סטריי־קער, איידער א רוהיג, צופריעדען לעבען אלס סקעב!

**זלאטע:** האסטו ניט רחמנות אויף מיר, אויף דיין שווינד־זיכטיגען טאטען?

**פעני:** דער סטרייק וועט לאנג ניט דויערן, די באסעס מו־זען זיך אונטערגעבען, וועל איך אבארבייטען וואס כ'האב פארלוירען.

**זלאטע:** א גליק א גרויסער. אז דו וועסט שוין אויספיה־רען א רעיז פאר איין דאלאר א וואך מעהר, איז וואס? וועט דיר נעהמען א יאהר צייט ביז דו וועסט אבמאכען וואס דו האסט פארלוירען אין סטרייק.

**פעני:** דער געווינס ליגט ניט אין דאלאר, נור אין אונזער כח פון אחדות! דער נצחון פון אונזער זיעג גיט אונז מאכט צו קעמפפען! קאפיטאל מוז אנערקענען, אז נויט, הונגער, קאנען ניט ברעכען אונזער טרייד־יוניאן פרינ־ציפען.

**זלאטע** (טראכטענדיג): וואס דו זאגסט פארשטעה איך ניט, אבער אז איך האב ניט פאר'ן טאטען א גלאז מילך, דאס ווייס איך יא...

**פעני:** וואו איז ער?

**זלאטע:** אוועק זעהן זיין לאדזשען פרעזידענט, אפשר וועלען זיי פארט שיקען איהם אין דענווער סאניטאריום.

**פעני:** א פוסטע האפנונג, מאמע. קאנסערוואטיווע לאָ־דזשען האבען פיינט צו העלפען.

**זלאטע:** אז אן אייגענע טאכטער וויל ניט, פאר וואס זאָ־לען פרעמדע?

**פעני:** מאמע, מאמע, פאר וואס (צערטעלט איהר, זאגענדיג) מאמעלי, וואלט דיר ליעב געווען ווען מ'זאל קומען זאגען אז דורך מיר איז דער סטרייק פארלוירען?

**זלאטע:** איין מענש וועניגער, וואס פאר א בעטרעף אי[...] דאס?

**פעני:** דאסזעלבע, מאמעלע, וואס איין ארויסגעריסענע[...] רינג פון א קייט...

**זלאטע** (שטופט פעני'ן ליכט אב): לאמיך בעסער. מי[...] דיר קען איך זיך ניט אויס'טענה'ן. מילא, ווי גאט וועט געבען אזוי וועט זיין. געה עפעס עסען! האסט נא[...] היינט גאר ניט געהאט אין מויל.

**פעני** (איראניש): געבראטענע גענזענס אדער טשיקען א ל[...] פאריז?

**זלאטע:** ברויט מיט טהע. (זיפצט).

---

דער קאמפיין פון דעם מיליאן דאלער פאנד מוז גלייך אנגעפאנגע[...]

פעני (לאַכענדיג): מ'קען זיך גיכער פאַרדאַרבען דעם מאָגען פון טשיקען אַ לאַ פאַריז ווי פון ברויט מיט טהע. (בעלל רינגט.)

זלאַטע (עפענט די טיר, קוקט אַרויס, שטיל צו פעני'ן): דער סעקרעטער פון פאַפאַ'ס לאָדזש! געה אין קיך, זאָל ער דיך ניט זעהן.

פעני (אָב.)

זלאַטע (אין טיר): קומט אריין, מר. וואַרגער!

וואַרגער (אַ דיקער מענשעל מיט אַ גראָבען בויך, באַקען ראַזירט, אַ פראַנצויזיש בערדיל אויף דער שפּיץ מאָרדע, אַ שטעקען אין רעכטער האַנד. צו זלאַטע'ן): גאָט העלף אייך! וואו איז מר. בערמאַן?

זלאַטע: איהר האָט איהם היינט ניט געזעהן? נאָך אין דער פריה אוועק צו אייער לאָדזשען פרעזידענט פרעגען וואָס די רעליעף קאָמיטע האָט בעשלאָסען וועגען מיין אונגליקליכען מאַן.

וואַרגער: דיזעס איז יאַ דער צוועק פון מיין בעזוך.

זלאַטע: אזוי? זעהר פיין. זיצט, מר. וואַרגער, פּליעז. געווים גוטס, יאָ?

וואַרגער (זיצענדיג אויף אַ ברעג פון טשער מיט בײדע הענד אויפ'ן שטעקען): ניט גוט און ניט שלעכט... זעקס וואָכען קראַנקען בענעפיט האָט אונזער לאָדזש בעצאָהלט דעם ברודער בערמאַן, און שיקען אין א סאַניטאַריום זאָגט ניט אונזער קאָנסטיטושאָן, זאָ האָט די רעליעף באַשלאָסען זוכען לייכטע ארבייט פאַר איהם.

זלאַטע: וואָס רעדט איהר? מיין מאַן איז דאָך געפאַלען ביים אייזען! שוין זעקס חדשים ווי ער מאַטערט זיך, וועה איז מיר.

וואַרגער: גאָט זאָל מיך אויסהיטען פון זאָ איינען קראַנקהייט... אָבער, פּרוי בערמאַן! לייכטע ארבייט, ס'ווירד איהם ניכט שאַדען.

זלאַטע: וואָס רעדט איהר, מר. וואַרגער! מיין מאַן קען דעם אָטעם ניט כאַפּען, שפּייט מיט בלוט, וועה איז מיר.

וואַרגער: גאָט זאָל אויסהיטען... פונדעסטוועגען וואָלט ניט געשאַדעט ער זאָל פּראָבירען שאַפען.

זלאַטע: אויף שונא ישראל געזאָגט מיין מאַן'ס כח. (זיפצט.)

וואַרגער: ניט געזאָרגט: אזאַ עהרליכען, פרומען, כשר'ן אידען, ווי מר. בערמאַן, וועט גאָט העלפען.

זלאַטע: אַ שעהנעם דאַנק, מר. וואַרגער. דאָקטוירים זאָגען, זיין איינציגע הילף איז אַ סאַניטאַריום.

וואַרגער: געווים, פריהער גאָט, דערנאָך דער סאַניטאַריום. פאַר וואָס פאָרהט ניט מר. בערמאַן נאָך דענווער?

זלאַטע (איראָניש): די סייווינג בײנקס ווילען ניט אַרויסגעבען מיין מאַן'ס מיליאָנען.

וואַרגער: הום... איהר פערלאָזט זיך אויף אונזער לאָדזש. ווייסען זי, דאָס אונזער קאָנסטיטושאָן שרייבט פאָר העלפען נור קראַנקע, ניט די פון שווינדזוכט אָנגעגריפען אין סאַניטאַריום צו שיקען.

זלאַטע: און ראַטעווען אַ מענשען'ס לעבען?

וואַרגער: דאָס זאָגט ניט אונזער קאָנסטיטושאָן!

יצחק (געהט לאַנגזאַם, אָנגעשפּאַרט אויף אַ שטעקען, אָטעמט שווער): די טרעפּען, אוי, די טרעפּען קוילען מיך.

זלאַטע (העלפט יצחק'ן זעצען זיך): זעה, יצחק! אַ גאַסט איז דאָ.

יצחק: אַה, מר. וואַרגער! אזאַ כבוד... וואָס זאָגט איהר גוטס? (אָטעמט) די טרעפּען...

וואַרגער: מופען זי אויף דער ערשטער שטיגע אָדער אין בייסמענט, וועט איהנען נאָך קאָסטען ביליגער... איך האָב ליידיגע 3 רומס אין בייסמענט, אין גאַנצען 12 דאָלאַר.

זלאַטע: דאַרף מען דאָך ערשט האָבען.

יצחק: זלאַטע!...

וואַרגער: אוים מיטלייד, כ'וויים, פאָרט אַ איד, וועל איך איהנען אראָבלאָזען א קוואָדער.

יצחק: א יישר כח, מר. וואַרגער! א יישר כח... יאָ, וואָס האָב איך געוואָלט פרעגען? יאַ, ווי לאַנג בין איך אַ לאָדזשען מעמבער?

וואַרגער (טראַכטענדיג): ארום 18 יאָהר.

יצחק (קוקענדיג אויפ'ן וואַנט): אזוי אַלט ווי מיין בילד. (הוסט.)

וואַרגער (בליקענדיג): גאָט איז מיט אייך! וואָס פון אַ מענש קען ווערען. אַה!

זלאַטע: און דאָך האָט איהר אויף איהם קיין רחמנות!

וואַרגער: איך האָב איהנען שוין איינמאָל געזאָגט, די לאָדזש צאָהלט נור קראַנקען אָדער טויטען בענעפיט. ווייטער זאָל איהם גאָט העלפען.

יצחק: מר. וואַרגער! אמת, נאָך די רולס קומט ניט, הגם איך האָב געצאָהלט 18 יאָהר. אָבער מיר, אידען, זיינען דאָך רחמנים בני רחמנים!

וואַרגער: און קאָנסטיטושאָן איז קאָנסטיטושאָן! אַ גוטען טאָג! (אָב.)

יצחק (אָטעמט שווער.)

זלאַטע (וויינט.)

פעני (קומט פון קיך, צערטעלט זלאַטע'ן): מאַמע!

זלאַטע: קינד מיינס, דער סעקרעטער האָט אָבגעזאָגט. די לאָדזש וועט ניט העלפען. ניטאַ קיין רעטונג פאַר דיין אונגליקליכען טאַטען. (פּויזע.)

פעני (אויף די קניע נעבען יצחק'ן): פּאַפּאַ! צוליעב דיר, צוליעב דיין געזונד... נור דורך מיר זאָל דיין הילף קומען... (צו זלאַטען'ן) מאַמע! איך געה אַרבייטען!

יצחק: מוחל! מוחל! מאַך ניט רייכער אזעלכע מענשען ווי מר. וואַרגער! פערביטער ניט מיינע קראַנקע טעג מיט דער מחשבה, אַז דו האָסט פערקויפט דיין נשמה צוליעב מיר... פעניעלע! אויב מיר איז פון גאָט בעשטימט ניט דערלעבען מיינע עלטערע יאָהרען, וועט ניט העלפען דיין קרבן! קום אהער! זאָלען מיינע אויגען זעהן מיין ריינע, מוטיגע טאָכטער!

פעני: פּאַפּאַ (אומאָרמונג.)

זלאַטע: גאָטעניו, העלף אונז! העלף אונז! (בעלל רינגט.) עפּעס א יונג מיידעל. (אין טיר) קומט אַריין, פּליעז!

מיס סמיט (נעט געקליידעט, מאַניערען און האַלטונג פון אַ לייכטזיניגע אַמעריקאַנערין, קייט טשואינג גאָם): וואוינט דאָ מר. בערמאַן?

יצחק: יעס.

מיס סמיט: איך בין געשיקט פון די טשאַריטיס.

פעני (ערשטוינט): טשאַריטי? (צו יצחק'ן) פּאַפּאַ! דו?

יצחק: איך?

פעני (צו זלאַטען): דו אפשר?

זלאַטע: חלילה. (צו מיס סמיט) פריילין! ווו... ווער האָט אייך געזאָגט?

מיס סמיט: איינער פון אייערע נאָכבאַרען האָט אונז געלאָזט וויסען, אַז מר. בערמאַן איז שווינדזיכטיג און איהר אַלע נויטיגט זיך אין הילפע.

פעני: אַ טעות, פריילין... יעדענפאַלס, אַ שעהנעם דאַנק פאַר'ן וועג.

מיס סמיט (וויל געהן).

יצחק (אָטעמט שווער.)

זלאַטע: זייט מוחל, פריילין, איין גאָט ווייסט, אַז מיר האָבען אין אונזער לעבען ניט גענומען קיין צדקה. נאָר אַז איהר זייט שוין דאָ, מעגט איהר וויסען דעם אמת.

פעני: מאַמע!

(שלום קומט.)

---

ווערטער, און אנגעשפאנטע ווערטער מיט גרויס מוט און ענערגי.— י. באסקין.

צביון:

# פּלעכאַנאָוו — זיין נחת און טראַגעדיע

„די פרייהייטס־באוועגונג אין רוסלאנד וועט זיעגען אלס אן ארבייטער־באוועגונג, אָדער זי וועט קיין מאָל ניט זיעגען" — דיעזע ווערטער האָט גדיגאָרי וואלענטינאָוויטש פלעכאנאָוו ארויסגעזאָגט אין יאָהר 1883 אין זיינע א בראָשורע „סאָציאליזם און פּאָליטישער קאמפף", ווען אין רוסלאנד האָט זיך ערשט אָנגעפאנגען צו באווייזען אן ארבייטער קלאס און ווען זעהר ווייניג פון די דאמאלסדיגע סאָציאליסטען האָבען געגלויבט אין דער מאכט פון דעם דוסישען ארבייטער קלאס.

אין יענער צייט, ווען די צאָהל פאבריק־ארבייטער אין דוסלאנד איז געוועזן אזוי קליין און די געזעלשאפטליכע באדייטונג פון דעם קליינעם רוסישען ארבייטער קלאס אזוי אונבאדייטענד, איז עס ווירקליך געוועזן א גרויסע דרייסטקייט ארויסצוטרעטען מיט א באהויפּטונג, אז די פרייהייטס־באוועגונג אין רוסלאנד קען זיעגען בלויז אלס אן ארבייטער באוועגונג. אין יענער צייט איז געוועזן די אלגעמיין אָנגענומענע מיינונג ביי די רוסישע סאָציאליסטען, אז די פרייהייטס־באוועגונג אין רוסלאנד קען געהאָלפען ווערען בלויז דורך די פּויערים, פון די צעהנדליגע מיליאָנען הונגעריגע, האלב־פאר־שקלאפטע פּויערים, וועלכע דארפען רעוואָלוציאָניזירט ווערען און מאכען א סוף צו דער רוסישער דעספּאָטיע און צו דער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער פארשקלאפונג פון רוסישען פאָלק. וועגען דער ראָלע פון דעם רוסישען ארבייטער קלאס אין דעם בעפרייאונגס־קאמפף פון רוסלאנד האָבען די מייסטע סאָציאליסטען פון יענער צייט ווייניג געטראכט. צו קליין איז דאָן געוועזן דער ארבייטער קלאס אין רוסלאנד, אונבאדייטענד איז געוועזן זיין געזעלשאפטליכע מאכט, אז מען זאָל פון איהם ערווארטען די באפרייאונג פון דוסלאנד. עס האָט זיך געפאָדערט א מענש מיט אזא ווייטען קוק, מיט אזא טיעפען שכל און מיט אזוי פיעל דרייסטקייט ווי גריגאָרי פּלעכאנאָוו, ארויסצוטרעטען מיט דער באהויפּטונג, אז א רעוואָלוציע אין דוסלאנד קען זיעגען בלויז דורך דער ארבייטער־באוועגונג.

צו דער איבערצייגונג, אז די פרייהייטס־באוועגונג אין רוסלאנד דארף בויען איהר צוקונפט הויפּטזעכליך אויף דער ארבייטער־באוועגונג און ניט אויף די פּויערים, איז פּלעכאנאָוו געקומען מעהר דורך פּראקטישע בעאָבאכטונגען ווי דורך טעאָרעטישע פאָרשונגען. פּלעכאנאָוו האָט אָנגעפאנגען זיין קאריערע אלס רעוואָלוציאָנער דורך פּראקטישע רעוואָלוציאָנערע ארבייט צווישען די דאָרפישע פּויערים און די שטאָדטישע ארבייטער. ער איז נאָך געוועזן גאנץ יונג, ווען ער האָט זיינע רעוואָלוציאָנערע טעטיגקייט אָנגעפאנגען. פּלעכאנאָוו איז געוועזן קוים 19 יאָהר אלט, ווען ער איז שוין ארויסגעטראָטען מיט א רעדע אויף דער באריהמטער פּאָליטישער דעמאָנסטראַציע אין יאָהר 1876 ביי דעם קאזאנסקען סאָבאָר אין פּעטערבורג. עס הייסט, אז צו 19 יאָהר איז ער שוין געוואָרען איינער פון די פיהרער פון דער סאָציאליסטישער באוועגונג אין דוסלאנד, און דורך די ערפאהרונגען פון זיין רעוואָלוציאָנערער טעטיגקייט איז ער געקומען צום באשלוס אז די רעוואָלוציאָנערע און סאָציאליסטישע אידעען קענען פיעל שנעלער פארשפּרייט ווערען צווישען דעם שטאָדטישען ארבייטער־קלאס איידער צווישען די פארפינסטערטע, פארגרעבטע פּויערים, וועלכע האָבען מיט זייער באשרענקטען שכל אפילו ניט געקענט באגרייפען וואָס די רעוואָלוציאָנערע אגיטאטאָרס האָבען צו זיי גערעדט און פון זיי פארלאנגט.

נאָר, אז דער שטאָדטישער ארבייטער איז מעהר ענטוויקעלט און איז פעהיגער אויפצונעהמען די רעוואָלוציאָנערע אידעען און די סאָציאליסטישע לעהרען, ווי דער דאָרפישער פּויער, איז קיין גרויסע ענטדעקונג ניט געוועזן. ווייניגע פון די סאָציאליסטען פון יענער צייט אפילו האָבען דעם דאָזיגען פאקט געזוכט צו באשטרייטען. די פראגע איז געוועזן וועגען דער באדייטונג פון דעם ארבייטער קלאס וואָס איז דאָן אין רוסלאנד געוועזן אזוי קליין אין צאָהל. ווען פּלעכאנאָוו איז ארויסגעקומען מיט זיין בעהויפּטונג, אז די רעוואָלוציע אין רוסלאנד קען געבראכט ווערען בלויז דורך דעם ארבייטער קלאס, האָט מען איהם געפרעגט: וואָס פאר א ווערט האָט אזא קליינע צאָהל ארבייטער געגען דער ריעזיגער מאכט פון דער רוסישער זעלבסטהערשאפט?

דער שטאנדפּונקט פון די „נאראָדניקעס", ווי די רוסישע סאָציאליסטען פון יענער צייט ווערען אָנגערופען, איז געוועזן, דאָס אין רוסלאנד טאָר מען ניט דערלאָזען דעם קאפּיטאליזם זיך ענטוויקלען. אויב אין מערב איירּאָפּא, אין דייטשלאנד, פראנקרייך, ענגלאנד און אנדערע לענדער האָט מען דעם קאפּיטאליזם ניט געקענט פארשפּארען דעם וועג, קען מען אָבער אין רוסלאנד, אין דעם לאנד פון ערד־ארבייטער פארמאכען פאר איהם די טירען און איינפיהרען דעם סאָציאליזם, ניט דארפענדיג דורכמאכען די אלע וועהענישען וואָס דער קאפּיטאליזם ברייננגט מיט זיך. די נאראָדניקעס האָבען געבויט זייער טעאָריע אויף דער אלטער רוסישער דאָרפישער „אָבשטשינא" אָדער „מיר", לויט וועלכער די פּויערים האָבען אייגענטליך ניט קיין ווירקליכע פּריוואט אייגענטום אויף ערד. די ערד געהערט ניט צו דעם איינצעלנעם פּויער נאָר צו דער „אָבשטשינא", צו דער געמיינדע, וועלכע טיילט איין די ערד צווישען די פּויערים־פאמיליען, וועלכע באלאנגען צו איהר. די נאראָדניקעס האָבען די „אָבשטשינא" אָנגענומען אלס דעם יסוד אויף וועלכען עס קען אויסגעבויט ווערען א סאָציאליסטישע געזעלשאפט אין רוסלאנד. ווארום אויב אויף די ערד, אויף דעם וויכטיגסטען פּראָדוקציאָנס־מיטעל אין דעם רוסישען דאָרף, איז ניטאָ קיין פּריוואט־אייגענטום, דאַן וויפיעל דארף עס נעהמען, אז מען זאָל אין גאנצען אָבשאפען פּריוואט־אייגענטום? אויב די פּויערים קענען האָבען ערד בשותפות, טאָ ווי ווייט איז עס, אז זיי זאָלען אויך האָבען זייערע פיה, זייערע אקעראייזענס, זייערע פערד און וועגען בשותפות? און אויב זיי וועלען האָבען אלץ בשותפות און ארבייטען בשותפות, דאַן איז דאָך ניט מעהר ווי נאטירליך, אז זיי זאָלען בשותפות זיך טיילען די פּראָדוקטען פון דער ערד. דער וועג צום סאָציאליזם אין רוסלאנד איז, אלזאָ, א גראדער און א קורצער און מען טאָר דעריבער ניט ארייננלאָזען דעם קאפּיטאליזם אין רוסלאנד, ווארום מיט איהם וועט דער וועג צום סאָציאליזם פיעל פארלענגערט ווערען. רוסלאנד דארף דעם קאפּיטאליזם אריבערשפּרינגען. און אויב דאָס איז אזוי, אויב רוסלאנד קען פערמיידען דעם קאפּיטאליזם, דאַן קען זיך ראָך ניט ענטוויקלען אין רוסלאנד אַן ארבייטער־קלאס, א פאבריק פּראָלעטאריאט, און ממילא קען דאָך אויך שוין ניט די רוסישע פרייהייט געבראכט ווערען דורך דעם ארבייטער קלאס.

אין זיין בוך „נאשי ראזני גלאסיע" (אונזערע מיינונגס־פארשיעדענהייטען) צוקלאפּט אָבער פּלעכאנאָוו דיעזע אלע טעאָריעס וועגען דעם סאָציאליזם פון דעם רוסישען פּויער און דערביי באווייזט ער, אז אויך אין רוסלאנד קען מען ניט פארמאכען דעם וועג פאר'ן קאפּיטאליזם, ווייל דער קאפּיטאליזם איז שוין ארייננגעדרונגען אין רוסלאנד און האָט זיך שוין אָנגעפאנגען ענטוויקלען. ער באווייזט אויך, אז אפילו אין דאָרף צווישען די פּויערים האָט זיך אָנגעפאנגען א קלאסען טיילונג אין אָרעם און רייך, און אז דער קאפּיטאליזם גנב'עט זיך ביסלעכוויז אריין אויך ביי די „סאָציאליסטישע" פּויערים. אמת, די מייסטע פּויערים זיינען טאקע „אָבשטשיניקעס", אָבער עס זיינען שוין אויך פאראַן רייכע פּויערים, „קולאקעס", וועלכע ווערען ביסלעכוויז אלץ רייכער אויף דעם חשבון פון דער אר־

בייט פון די אָרימע פויערים, וועלכע מוזען זיך ביי זיי פאַרדינגען. און אַזוי אַנאַליזירענדיג דעם צושטאַנד פון רוסלאַנד און די עקזיסטירענדע באַדינגונגען, קומט פּלעכאַנאָוו צום שלוס, אַז אויך רוסלאַנד מוז דורכמאַכען דעם פּראָצעס פון קאַפּיטאַליזם און אַז אויך אין רוסלאַנד מוז דער קלאַסען־קאַמפּף זיין די טרייבענדע רעוואָלוציאָנערע קראַפט, וועלכע וועט ברייגנען פרייהייט און גלייכהייט פאַר דעם רוסישען פאָלק.

עס איז דערביי אינטערעסאַנט צו בעמערקען אַז די אַלגעמיינע פאָראויסזאָגונגען פון פּלעכאַנאָוו וועגען דער ענטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם אויך אין דעם רוסישען דאָרף, זיינען באַגרינדעט געוואָרען פון דר. יצחק אייזיק הורוויטש אין זיין בוך וועגען רוסישען דאָרף, מיט סטאַטיסטישע אונטערזוכונגען, וועלכען ער האָט אָנגעהויבען שרייבען אונגעפעהר אין דערזעלביגער צייט, ווען פּלעכאַנאָוו האָט געשריבען זיין בוך „נאַשי ראַזני גלאַסיע". יצחק אייזיקס בוך קען גערעכענט ווערען אַלס דאָס ערשטע ווערק אין רוסלאַנד, וואָס באַווייזט מיט פאַקטען די ענטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם אין דעם רוסישען דאָרף. אין דעם פּרט פון באַגרינדען די מאַרקסיסטישע טעאָריע אין רוסלאַנד קומט גרויס קרעדיט אויך יצחק אייזיקען. זיין בוך וועגען רוסישען דאָרף איז פון די מאַרקסיסטען אין רוסלאַנד זעהר שטאַרק אויסגענוצט געוואָרען אין דעם טעאָרעטישען קאַמפּף מיט די נאַראָדניקעס.

נאָר ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס פּלעכאַנאָוו האָט אַזוי לאַנג געקעמפּפט פאַר זיין טעאָריע, אַז די פרייהייטס־באַוועגונג אין רוסלאַנד וועט זיעגען אַלס אַן ארבייטער באַוועגונג, אָדער זי וועט קיין מאָל ניט זיעגען, איז ער אין דעם מאָמענט, ווען זיין באַהויפּטונג איז מקוים געוואָרען און ווען זי איז פון זיינע אייגענע תלמידים לענין און טראָצקי דורכגעפיהרט געוואָרען אין לעבען, אַליין געוואָרען אַ געגנער פון זיין טעאָריע.

ווען די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד האָט אויסגעבראָכען, זיינען פּלעכאַנאָוו'ס פאָדערונגען געווען אַזוי מעסיג, דאָס אפילו די מעסיגע מענשעוויקעס האָבען ניט געקענט זיין איינפאַרשטאַנען מיט איהם. די מעסיגע ריכטונג, וועלכע פּלעכאַנאָוו האָט פאַרטרעטען אין דער איצטיגער רוסישער רעוואָלוציע, האָט געפונען אַזוי ווייניג אָנהענגער צווישען די רוסישע סאָציאַליסטען, דאָס ער האָט, ניט קוקענדיג אויף זיין גרויסע פּאָפּולאַריטעט, געשפּיעלט אַ גאַנץ אונבאַדייטענדע ראָלע אפילו אין דער צייט פון קערענסקי'ס רעגירונג.

פּלעכאַנאָוו איז אָהן צווייפעל געווען איינער פון די גרעסטע טעאָרעטיקער פון סאָציאַליזם, אין רוסלאַנד איז ער אפשר געווען דער גרעסטער, מען קען איהם זאָגאַר מיט רעכט אָנרופען דער רבי פון דעם מאַרקסיזם אין רוסלאַנד, אָבער זייענדיג דער רבי, דער טעאָרעטיקער פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, איז ער כמעט קיין מאָל ניט געווען איהר פיהרער. די ווירקליכע פיהרער פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטי זיינען אימער געווען זיינע תלמידים, וועלכע האָבען ווייניגער געקענט פון איהם און האָבען ניט באַזעסען זיינע פעהיגקייטען.

פּלעכאַנאָוו איז געווען איינער פון די פעהיגסטע און באַגאַבטעסטע מענשען, וואָס רוסלאַנד האָט פון זיך ארויסגעגעבען. ער האָט געהאַט אַ טיעפען, שאַרפען שכל, אַ וואונדערבאַרען זכרון און אַ גרויסע בילדונג און בקיאות אין פאַרשיעדענע געביטען פון דער וויסענשאַפט. ער איז געווען אַ גדויסער קענער פון פילאָזאָפיע און פּאָליטישע עקאָנאָמיע; ער איז געווען אַן אויסגעצייכענטער היסטאָריקער, אַ גרויסער בקי אין דער וועלט־ליטעראַטור און גאַנץ באַזונדערס אין דער רוסישער ליטעראַטור; ער איז געווען אַ באַדייטענדער קונסט־קריטיקער, אַ בריליאַנטענער רעדנער, אַ שאַרפער, וויציגער פּאָלעמיסט און אַ גלענצענדער שרייבער. מען קען טרעפען ווייניג מענשען, אין וועלכע עס האָבען זיך פאַראייניגט אַזוי פיעל פעהיגקייטען און טאַלאַנט, ווי אין פּלעכאַנאָוו'ען. און ער איז געווען ניט בלויז אַ טעאָרעטיקער נאָר אויך אַ קעמפּפער, אפשר נאָך אַ גרעסערער קעמפּפער ווי אַ טעאָרעטיקער, דאָך איז ער בלויז געווען דער רבי פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און ניט איהר פיהרער. ער איז געווען דער גרינדער פון דעד ערשטער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער גרופּע אין רוסלאַנד. גריגאָרי פּלעכאַנאָוו, ווערא זאַסוליטש, פּאַוועל אַקסעלראָד און לעוו דייטש זיינען עס געווען די, וועלכע האָבען געגרינדעט די ערשטע רוסישע סאָציאַל דעמאָקראַטישע גרופּע „אָסוואָבאַזשדעניע טרודאַ" (באַפרייאונג פון ארבייט); פּלעכאַנאָוו איז געווען דער פאַרשפּרייטער און אויסטייטשער פון דער מאַרקסיסטישער לעהרע אין רוסלאַנד, אָבער קיין פיהרער פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט זיך איהם ניט איינגעגעבען צו ווערען. פּלעכאַנאָוו'ען איז מייסטענס אויסגעקומען צו קעמפּפען אין דער דוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער באַוועגונג, איידער זי צו פיהרען. דאָ איז די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע באַוועגונג צו ווייט אוועק פון פּאָליטישען קאַמפּף, קאָנצענטרירענדיג איהרע הויפּט כוחות אויף דעם עקאָנאָמישען קאַמפּף, און פּלעכאַנאָוו פאַנגט אָן אַ מלחמה געגען דעם זאָגענאַנטען „עקאָנאָמיזם" אין דער רוסישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, עס ווערט געגרינדעט די צייטונג „איסקראַ", וואו די „עקאָנאָמיסטען" ווערען שאַרף באַקעמפּפט און באַזיעגט, אָבער דער פיהרער פון דער נייער, אויסגעלייטערטער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע ווערט ניט פּלעכאַנאָוו, נאָר לענין. און עס דויערט ניט לאַנג ווי צווישען פּלעכאַנאָוו'ען מיט לענינען ענטשטעהען שאַרפע מיינונגס־פאַרשידענהייטען וועגען דער אָרגאַניזאַציאָן און פיהרונג פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי און די רוסישע סאָציאַליסטען צוטיילען זיך צוליעב דעם שטרייט אין אַ מאַיאָריטעט און מינאָריטעט, אָבער דער ווירקליכער פיהרער פון די מענשעוויקעס איז ניט פּלעכאַנאָוו נאָר מאַרטאָוו. און ווען די רוסישע רעוואָלוציע איז געקומען און דער רבי פון רוסישען מאַרקסיזם האָט זיך נאָך זיין לאַנגען גלות אומגעקעהרט צוריק אַ היים און איז אויפגענומען געוואָרען פון רוסישען פאָלק מיט אַזוי פיעל פּאַראַד און מיט אַזוי פיעל באַגייסטערונג, האָט ער דאָך מיט זיין געוואַלדיגער גרויסער פּאָפּולאַריטעט, מיט זיינע גלענצענדע פעהיגקייטען און באַגאַבונגען ניט געקענט ווערען דער פיהרער פון דער דוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. מעהר ווי אַ קליינע גרופּע איז איהם ניט נאָכגעגאַנגען.

פּלעכאַנאָוו האָט אויסגעצייכענט געקענט רוסלאַנד, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס ער האָט געלעבט אין דער שווייץ פאַר אַזוי פיעל יאָהרען. פּלעכאַנאָוו איז די גאַנצע צייט, וואָס ער האָט געלעבט אין גלות, געווען ענג פאַרבונדען מיט רוסלאַנד און האָט געוואוסט אַלץ וואָס דאָרטען קומט פאָר, אָבער עס איז דאָך ניט גלייך וויסען פון לעזען און הערען, ווי זעהן מיט די אויגען און קומען אין פּערזענליכער באַריהרונג מיט דעם רוסישען פאָלק. פּלעכאַנאָוו האָט אויסגעצייכענט געקענט רוסלאַנד פון ווייטען, אָבער ער האָט זי ניט געקענט פון נאָהנטען. זיין פאַרשטעלונגס־קראַפט האָט געקענט זיין ווי גרויס, זיין בקיאות אין רוסישע אַנגעלעגענהייטען האָט געקענט זיין ווי ברייט, אָבער דאָס ווירקליכע לעבען פון רוסלאַנד איז איהם דאָך ניט געווען גענוג באַקאַנט. ער האָט מיט זיין שאַרפען אויער געקענט הערען קלאַפּען דעם פּולס פון רוסישען לעבען פון ווייטען, אָבער ער האָט ניט געהאַט די מעגליכקייט איהם אָנצוטאַפּען מיט דער האַנד. מיט אַלע זיינע פעהיגקייטען און מיט דעם גאַנצען וויסען זיינעם האָט פּלעכאַנאָוו געקענט בלויז זיין דער טעאָרעטיקער פון דער רוסישער דעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אָבער ניט איהר פּראַקטיקער, ווייל די ווירקליכע פּראַקטיק פון דוסישען לעבען האָט איהם געפעהלט. און אום צו זיין אַ פיהרער מוז מען צו אַלער ערשט זיין אַ פּראַקטיקער.

פּלעכאַנאָוו האָט אויף זיינע עלטערע יאָהרען געהאַט דעם גרויסען נחת צו זעהן די פרוכט פון זיין לעבענס־ארבייט. די רויטע רעוואָלוציאָנערע פאָהן, וועלכע איז מיט איבער 40 יאָהר צוריק אויפגעהויבען געוואָרען אין דיי״ צייט פון זיין ערשטער עפענטליכער רעוואָלוציאָנערער ר״ע אין פּעטערבורג אויף דעם קאַזאַנסקען פּלאַץ, איז איצט געוואָרען די נאַציאָנאַלע פאָהן פון רוסישען פאָלק. ער האָט דערלעבט צו זעהן מיט זיינע אויגען די גרויסע דוסישע רעוואָלוציע, פאַר וועלכע ער האָט זיין גאַנצען לעבען אַגיטירט און געקעמפּפט, ער האָט אָבער דערביי אויך איבערגעלעבט די גרויסע טראַגעדיע, וואָס ער אליין איז אריינגעטרעטען אין אַ ווידערשפּרוך מיט דער רעוואָלו־

עסעף.

# כעמיע און איהרע נוצען



אין קריעג אָדער אין פריעדען, כעמיע איז די נוצליכסטע פון אַלע וויסענשאַפטען. דער גענעראַל, דער פילאָזאָף, דער דאָקטאָר, דער אינזשעניער און דער מעכאַניק, אַלע מוזען אָנקומען צו כעמיע. ווייל איינער עטוואָס לערנען פון די סודות פון דער נאַטור, מוז ער פריהער לערנען כעמיע; ווייל איינער פארשטעהען די געוואלדיגע ענדערונגען, וועלכע זיינען פאָרגעקומען אין אונזער אינדוסטריעלען לעבען דורך די לעצטע עטליכע צעהנדליג יאָהר, מוז ער זיך פריהער באַקענען צום ווענינסטען מיט די עלעמענטאַרע געזעצען פון דיזע וויסענשאַפט.

אונזער עסענוואַרג איז צום מעהרסטענטייל מאָדיפיצירט מיט כעמישע שטאָפען; אונזערע קליידער זיינען געפאַרבט מיט כעמיש־צוזאַמענגעשטעלטע פאַרבען, און אונזערע וואוינונגען זיינען באַלויכטען מיט כעמישע גאַזען. א דאַנק די ענטוויקלונג פון כעמיע, קאָנען מיר מאַכען די ערד מעהר פרוכטבאַר, האָבען מיר גוטע פאַפּיער אויף וואָס צו שרייבען, שטאַרקע שטאָהל צו בויען אונזערע באַהנען און שיפען, לעדער, וועלכע איז אין פיעלע הינזיכטען בעסער ווי פון חיות, גומע וועלכע איז כמעט אזוי גוט ווי פון פלאַנצען, פאַרשידענע נייע מעטאַלען פון וועלכע אונזערע זיידעס האָבען אפילו ניט געחלום'ט און טויזענדער אַנדערע פּראָדוקטען אָהן וועלכע מיר וואָלטען זיך היינטיגע צייטען ניט געקאָנט באַגעהן.

דורך די לעצטע פיער יאָהר איז די כעמישע אינדוסטרי אין די פאַראייניגטע שטאַאַטען שטאַרק ענטוויקעלט געוואָרען. פיעלע פּראָדוקטען וועלכע מיר פלעגען פריהער מוזען אימפּאָרטירען, ווערען דאָ יעצט פאַבריצירט בעסער און זאָגאַר ביליגער ווי אין אויסלאַנד. נייע פאַבריקען צו פּראָדוצירען כעמישע שטאָפען ווערען טעגליך געבויט אין אַמעריקא. די כעמישע אינדוסטרי באַשעפטיגט שוין יעצט הונדערטע טויזענדע מענשען, צווישען וועלכע עס געפינט זיך, איך בין זיכער, א גרויסער פּראָצענט אידישע כעמיקער און איינפאַכע אַרבייטער.

ווי איהר זעהט, זיינען דאָ פיעלע אורזאַכען וואָרום עס איז ווערט אַז מיר זאָלען זיך עטוואָס באַקענען מיט דיזע וויכטיגע וויסענשאַפט און איהרע נוצען.

## וואָס איז כעמיע?

דאָס וואָרט כעמיע מיינט אין עגיפּטיש שוואַרץ און אין אַראַביש א סעקרעט. עס איז דאָ א לעגענדע, אַז די כעמישע סודות קומען צו אונז דירעקט פון די הימלישע וועלטען. דאָס האָבען איינינע מלאכים פאַרראַטען דעם רבונו של עולם, וועלכער האָט זיי ערלויבט צו באַזוכען אונזער זינדיגער ערד אויף א קורצע צייט. זיי האָבען זיך דאָ גלייך פאַרליעבט אין שעהנע מיידלאַך, צו וועמען זיי האָבען די סודות איבערגעגעבען. זיכער איז, אַז אין די אַלטע צייטען האָבען בלויז פּריסטער און שוואַרץ־קינסטלער געפּראַקטיצירט כעמיע. עס פאַרשטעהט זיך, אַז זיי זיינען געווען קנאַפּע כעמיקער, זיי האָבען, אָבער, ווי עס ווייזט אויס, געוואוסט גענוג כעמישע פּראָצעסען צו באַשווינדלען די מענשען; מאַכען אַז וואַסער זאָל פּלוצלונג ווערען רויט (שמות) אָדער אַז א שריפט זאָל זיך פּלוצלונג באַווייזען אויפ'ן וואַנט (דניאל), האָבען זיי זיכער געוואוסט ווי. יעצט קאָן עס טאָן יעדער וועלכער האָט עטוואָס געלערנט כעמיע.

מאָדערנע כעמיע איז אינגאַנצען אַלט א הונדערט און פופציג יאָהר. די וויסענשאַפט גיט זיך אָפּ מיט אַלע ענדערונגען, וועלכע קומען פאָר אין דעם אינערליכען געבוי פון זאַכען. צורייסט, לאָמיר זאָגען, א שטיקעל פאַפּיער אויף גאַנץ קליינע שטיקלעך, איהר האָט דערמיט שטאַרק פאַרענדערט די פאַפּיער אָבער דאָס איז ניט געווען קיין כעמישער פּראָצעס, ווייל יעדע קליינע שטיקעלע איז נאָך אַלץ געבליבען פאַפּיער, איהר האָט בלויז געביטען די פאָרמע פון דער זאַך. דאָס איז איין פיזישער פּראָצעס. פאַרברענט אָבער א שטיקעל פאַפּיער און איהר באַשאַפט א כעמישען פּראָצעס. אנשטאַט פאַפּיער האָט איהר יעצט רויך און אַש. איהר האָט איבערגעביטען דעם אינערליכען געבוי פון די פאַפּיער. דאָס זשאַווערען פון אייזען, דאָס פוילען פון האָלץ, דאָס פאַרזויערען פון מילך, דאָס פאַרדייען פון עסענוואַרג, דאָס ברענען פון קויהלען און דאָס עקספּלאָדירען פון פּולווער זיינען אַלץ כעמישע פּראָצעסען. עס איז דעם כעמיקער'ס אויפגאַבע צו פאַרשטעהן דיזע און ענליכע פּראָצעסען, באַשאַפען נייע פּראָצעסען און מאַכען זיי נוצליך פאַר דער מענשהייט.

זוכענדיג צו פאַרשטעהן די כעמישע ענדערונגען וועלכע געהען אימער אָן אַרום אונז, האָבען די כעמיקער פאָרמולירט און פעסטגעשטעלט א רייהע וויכטיגע טעאָריען און נאַטור געזעצען. עס איז נויטיג אַז מיר זאָלען זיך גלייך פון אָנהויב באַקענען מיט איינינע פון זיי.

## עלעמענטען, אַטאָמען, מאָלעקיולען און כעמישע פאַרבינדונגען.

אַן עלעמענט אין כעמיע מיינט א קערפּער (א זאַך וואָס פאַרנעמט פּלאַץ און האָט וואָג) וועלכען מען קאָן מיט די איצטיגע וויסענשאַפטליכע מיטלען פּראַקטיש ניט מאַכען איינפאַכער ווי דאָס איז. נעמט, צום ביישפּיעל, א שטיקעל ריינע גאָלד און וואָס איהר זאָלט דערמיט ניט טאָן קאָנט איהר דערפון קיין אַנדער זאַך ניט אָפּטיילען. עס איז דורך און דורך גאָלד. איהר קאָנט עס צוזאַמענשמעלצען אָדער כעמיש פאַרבינדען מיט אַנדערע מעטאַלען אָדער גאַזען, דאָס הייסט, איהר קאָנט עטוואָס דערצו צולעגען אָבער אַוועקנעמען דערפון עטוואָס אַנדערש ווי גאָלד קאָנט איהר ניט. אויב עס וועט פאַרבלייבען ריין, וועט עס אימער האָבען די זעלבע וואָג, דעם זעלבען גלאַנץ, די זעלבע שטאַרקייט און אַנדערע אייגענשאַפטען וועלכע געהערען בלויז צו גאָלד. עס איז איין עלעמענט. א מאָל האָט מען געדענקט, אַז עס זיינען אינגאַנצען פאַראַן פיער עלעמענטען אויף דער וועלט: פייער, לופט, ערד און וואַסער — אש, רוח, עפר, מים. היינט ווייס מען, אַז פייער איז אינגאַנצען ניט קיין קערפּער און ניט קיין עלעמענט, ווייל עס האָט ניט קיין וואָג און פאַרנעמט ניט קיין פּלאַץ. עס איז בלויז א פאָרמע פון ענערגיע וועלכע מיר זעהען ווען געוויסע קערפּער גיבען פון זיך אַרויס ליכט. די לופט באַשטעהט פון צום וועניגסטען צוויי עלעמענטען: זויער שטאָף און שטיק־שטאָף; די ערד האָט אין זיך די מעהרסטע עלעמענטען און וואַסער איז צוזאַמענגעשטעלט פון צוויי עלעמענטען: זויער־שטאָף און שטיק־שטאָף. ביז איצט האָט מען שוין ענדעקט אַרום א הונדערט עלעמענטען און מען האָפט נאָך צו ענטדעקען פיעלע מעהר.

די פאָלגענדע זיינען די וויכטיגסטע:

אַלומינום, אַנטימאָני, אַרסעניק, ביסמאַטה, בראָמין, קעלסיאַם (קאַלך־אָפּזאַץ), קאַרבאָן (קויהלען־שטאָף), קלאָרין (כלאָר־גאַז), קאָפּער (קופּער), גאָלד, הידראָדזשען (וואַסער־שטאָף), אַיאָדין (יאָד, יאָדינע), אַיראָן (אייזען), לעד (בליי), מאַגנעזשום, מאַנגאַניז( ברוינשטיין), מערקיור (קוועקזילבער), ניקעל, נייטראָזשען (שטיק־שטאָף), פאָספאָרוס (לייכט־שטאָף), אָקסעדזשען (זויער־

---

ציע, וועלכע ער האָט געהאָלפען שאַפען. דער נביא פון דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד איז דורך דעם לאַנגען גלות זיינעם, געוואָרען א פרעמדער אין זיין אייגענעם לאַנד און ער האָט זיין אייגענעם פאָלק, וואָס האָט זיין נביאות ערפילט, אויפגעהערט צו פאַרשטעהען.

שטאָף), פלאַטינום, פּאָטעסיום, ראַדיום, סיליקאָן, סילווער, סאָדיום, סאָלפור (שוועבעל), טין (צין), טאַנגסטאַון, זינק (צינק).

## די טעאָריע פון אַטאָמען.

די וויכטיגסטע טעאָריע פון כעמיע איז די טעאָריע פון אַטאָמען. אַלע וויסענשאַפטסלייטע גלויבען, אַז די עלעמענטען זיינען צוזאַמענגעשטעלט פון קליינע פּיצעלאַך, שטיקעלאַך מאַטעריע, וועלכע האַלטען זיך אין איין באַוועגען און וועלכע מען רופט אַטאָמען. מען קאָן דיזע ברעקעלאַך מאַטעריע אָדער אַטאָמען מיט די גרעסטע פאַרגרעסערונגס גלאָז ניט זעהן אָבער עס איז פאַראַן גענוג גרינדע, אַז זיי עקזיסטירען, אַז זיי זיינען אין דעם זעלבען עלעמענט, אַלע גלייך אין וואָג און אין פאָרמע, אַז זיי ציהען צו און שטויסען אָפּ איינע די אַנדערע, אַז זיי קאָנען איינציגווייז ניט עקזיסטירען, אַז זיי זיינען געדיכט אין פעסטע קערפּער, שיטערער אין פליסיגקייטען און גאַנץ שיטער אין גאַזען. ווי מען ווייסט דאָס אַליז, וועלען מיר פאַרשטעהן פון די קומענדע אַרטיקלען.

ווען צוויי אָדער מעהר אַטאָמען פון דעם זעלבען אָדער פון פאַרשידענע עלעמענטען פאַרבינדען זיך, קריגען מיר אַ מאָלעקיול. אַ מאָלעקיול איז דער קלענסטער טייל פון אַ כעמישען פּראָדוקט, וועלכער קאָן פריי עקזיסטירען, אָבער די גרעסטע פון זיי זיינען צו קליין אַז מען זאָל זיי קאָנען איינציגווייז באַטראַכטען. דער אויסקוק פון די קערפּער אַרום אונז ווענדעט זיך אַם מעהרסטען אָן דעם ווי די מאָלעקיולס זיינען צוזאַמענגעשטעלט פון די אַטאָמען. כעמישע פאַרבינדונגען קומען פאָר אַ דאַנק די צוציהונגס קראַפט פון איין אַטאָם צום צווייטען צו בילדען אַ מאָלעקיול און פון איין מאָלעקיול צום צווייטען צו באַשאַפען אַ פּראָדוקט.

# זעהסט מיין פריינד

י. ב. ביילין:

זעהסט מיין פריינד, דאָרט, יענעם בנין,
ווי ער טיילט זיך קענטיג אויס:
העכער, גרעסער, ברייטער, שעהנער,
ווי אין געגענד וועלכע הויז...

זעה די זיילען, טיר און טויערען,
ווי אויסגעגאָסען פון צעמענט;
ווי סטאַטוען שמאָלין און קרעפטיג,
מאַסיוו עס שטעהען זיינע ווענט...

זיכער זיינע פונדאַמענטען —
וואונדער שעהן זיין טורעם אויבען;
אייביג שיינט די זון און שפיגעלט
זיך אין זיינע קלאָרע שויבען!

זעהסט דעם בנין און דו וואונדערסט:
„צי איז עס איינער אין דער וועלט?
וועלכע אויפגאַבען און ציעלען,
האָט זיין בויער זיך געשטעלט?"

— מיין פריינד, דער בנין איז געמויערט
פון נעטרייע אַרבייטס הענט —
צו געפינען שוץ אין שטורעם
אין דעם שאָטען פון זיינע ווענט.

און דער בנין וועט נאָך העכער
הויבען זיך און שמאָלצער טורמען,
ביז עס וועלען שוץ ניט זיין מעהר
קיין געוויטער, קיינע שטורמען!...

אַרבייטען פאַר'ן ברענטש, פאַר דער אָרגאַניזאַציאָן, איז נישט נור אַ פליכט, נור אויך אַ פאַרגעניגען; און נישט נור אַ פאַרגעניגען, נור אויך אַ כבוד; און נישט נור אַ כבוד, נור טאַקע אויך אַ נוצליכע זאַך, פאַר זיך, פאַר'ן ברענטש, פאַר'ן גאַנצען אַרבייטער רינג און ממילא שוין אויך פאַר דער גאַנצער אַרבייטער באַוועגונג.

* * *

די וועלכע פּרואווען פאַרלעשען דעם פייער ן אמת, שטויסען איהם נור אויף; די פונקען צופליהען זיך אין פאַרשיעדענע זייטען און צינדען אָן דאָס, וואָס דער פייער האָט פריהער נישט געקאָנט דערגרייכען. — געטהע.

* * *

אחד מי יודע? ווער ווייס, וואָס מיינט זיבעציג טויזענד? ווער ווייס, וואָס מיינט איין מיליאָן? אויב איהר ווייסט וואָס דאָס מיינט, טו גוט, וואָס מען דאַרף...

* * *

הימעל און ערד — און איין מיליאָן דאָלאַר פאַר'ן קאַמפּיין פאָנד.

גיב און גיב און אַ דריטען מאָל גיב פאַר'ן מיליאָן דאָלאַר פאָנד, דען וויפיעל דו זאלסט ניט געבען וועסטו אַלין מעהר ניט געבען ווי די, וועלכע זיצען איצט אין די פּריזאָנס און גיבען אַוועק פאַר דער זאַך פון דער אַלגעמיינער פרייהייט, זייער אייגענע פרייהייט...

* * *

און קענסט אַליין ניט אויפבויען אַ זיכערען נעסט, וואו דיין פאַמיליע זאָל ווערען געשיצט פון שטורעם און געוויטער — העלף אונז בויען דעם אַרבייטער רינג, דעם אַלגעמיינעם זיכערען און גרויסען נעסט.

* * *

גאָט, וויפיעל מיליאָנען אויגען קאָנען דאָס געעפענט ווערען מיט דער הילף פון „מיליאָן דאָלאַר פאָנד!"

* * *

ווי דו ז ׳סט ניט זיין קלוג, אָנציהענד און ליעבליך און ערפאָלגרייך צוציהען אימער נייע פריינדע, וועסטו אָבער קיינמאָל נישט קאָנען אָנווייזען אויף אַזוי פיעל גוטע פריינדע, ווי עס האָט דער געוועהנליכער מעמבער פון אַרבייטער רינג.

# ביילעק
(א מעשה פאר קינדער.)

אלגין.

1.

אין דעם וואלד, וואו מיר האבען געוואוינט, איז געווען א משוגע'נער. זיין אמת'ן נאמען האט קיינער ניט געוואוסט, אבער גערופען האט מען איהם ביילעק. פארוואס עפעס ביילעק? ווייל אז עמיצער פלעגט איהם עפעס זאגען, פלעגט ער עפענען דעם גרויסען פיסק מיט די ברייטע צייהן און אנהויבען הירזשען ווי א פערד, נאכדעם פלעגט ער ארויסזאגען גיך־גיך:

איילעק, ביילעק,
אב חברותא,
נא דיר א דרייער,
גיב מיר א שפייער,
חאפ, לאפ, דראפ. . . .

און נאכדעם פלעגט ער אנטלויפען און זיך באהאלטען. אבער וואס הייסט באהאלטען? קיין פויגעל האט איהם ניט געקענט געפינען.

ביילעק איז גאר ניט געווען קיין שלעכטער. ער האט קיינמאל קיין מענשען ניט געטשעפעט. נאר וואס דען? ער האט קיין שכל ניט געהאט. פלעגט ער אמאל אנטאן א שאדען. דערפאר זיינען אויף איהם די גוים געווען מלא רציחה.

די גוים האבען געוואוינט ניט ווייט אין א דארף. עטליכע פון זיי האבען געהאקט האלץ און געשניטען ברעטער ביי אונז אין וואלד. וואס טוט אב ביילעק? ער קומט אמאל צו דעם פלאץ, וואו די גוים ארבייטען, די גוים זיינען גראד ניט געווען: זיי זיינען אוועקגעגאנגען עסען. אויפ'ן פלאץ ליגט א גאנצע קופע אנגעשניטענע ברעטער און א האק. נעהמט ביילעק די האק און צוקארבט אלע ברעטער ביז איינער. אז די גוים זיינען געקומען און דאס דערזעהען, שרייען זיי: מסתמא און מאכען מיט די הענד אויף ביילעק'ן. איהם ארט דאס אבער ווי דער פאראיאהריגער שניי. ער שטעהט און קוועלט, ווי א באקסער. זיין ברייטע צורה שיינט, ווי אנ'אבגעריבענע קופערנע פאן, די געלע צייהנער סטארטשען פון אונטער דער פלאטשיגער נאז, און אליין ברומט ער מיט פארגעניגען:

— אי, שעהן, אי, פיין, גאלע שפיצען, ווי איך בין א איד...

איינער א גוי ווארפט איהם אין קאפ אריין א שפאן, שפרינגט ער אוועק מיט א טענצעל און מורמעלט זיך זיין שטענדיגען פזמון:

— איילעק, ביילעק, אב חברותא...

און אנטלויפט — וואו דער שווארצער פעפער וואקסט.

אנ'אנדערס מאל קומט ער אין דארף אריין, כאפט א הוהן, זעצט זיך אוועק מיט איהר אויף א בערגעל און רייסט איהר איינציג ווייז די פעדערן פונ'ם ווידעל. די הוהן ווארפט זיך און קוויטשעט, אז איין גאט זאל אויף איהר רחמנות האבען, און ביילעק האט הנאה. דער פליישיגער פנים זיינער איז ווי אבגעשמירט מיט פוטער, דער פיסק איז אפען, און די קליינע אויגעלעך פינקלען.

קוים מיט צרות האט מען ארויסגעראטעוועט דאס היהנדעל פון זיינע געזונטע לאפעס.

און איינמאל זומער, פאלט ער גאר אויף אזא משוגעת. ס'איז געווען שניט. אלע גוים זיינען געווען אין פעלד. אין דארף האט מען נאר איבער געלאזט קליינע קינדער. די הייזער זיינען אלע געווען פארשלאסען. לאזט זיך אונזער ביילעק אוועק איבער דער גאס און עפענט אלע טירען. וואו ס'איז געווען א שלאס, האט ער איהם צובראכען מיט די פינגער. פון די טירען זיינען ארויסגעלאפען אלע קעלבלעך מיט די חזרים מיט די היהנער מיט די שאף מיט די קליינע קינדער. אין דארף איז געווארען לעבעדיג. די קעלבלעך מיט די חזרים האבען זיך פארקליבען אין די גערטנער און גענומען עסען דאס גרינווארג. די שאף זיינען אוועקגעלאפען צום טייך. און אונזער ביילעק איז זיך געגאנגען איינמיטען גאס, ווי א שררה, און זיך געשמאלצען פאר שמחה.

דערמאלט האבען איהם די גוים גוט אנגעבראכען די ביינער פאר זיין שפיצעל. אבער ביילעק'ן איז דאס ווי אנ'אר־בעס אין וואנד. דערוויף איז ער דאך א משוגע'נער.

2.

פון וואנען ביילעק איז געקומען, האט ניט געוואוסט קיינער. פאר וואס איז איהם עפעס געפעלען אונזער וואלד, ווייס איך אויך ניט. נאר אלע זומער האט ער געהאט א טבע צו שליאיען זיך ניט ווייט פון אונזער שטוב.

עטליכע מאל האט איהם יאקים, אונזער שומר, געכאפט שלאפענדיג אין אונזער שאפע מיט היי. יאקים האט ניט געוואלט, ער זאל דארט שלאפען. „א קשיה אויף א מעשה", — האט ער געזאגט, — „ער קען נאך אונטערצונדען, דער ניכפה'ניק, בעהיט זאל מען ווערען." ביילעק פלעגט זיך אבער אלץ אומקעהרען און ארייננקריכען אין היי.

יאקים איז געווען אנ'אלטער בייזער גוי און האט פיינט געהאט, ווען מען פאלגט איהם ניט. האט ער איינמאל אבגעטשאטעוועט, ווען ביילעק איז ווידער געשלאפען אין היי. נעהמט ער די רימענע לייצעס, לייגט זיי צונויף אין צווייען און הויבט אן שינדען ביילעק'ן אויף וואס די וועלט שטעהט. ביילעק האט זיך אויפגעכאפט מיט א געוואלט, און יאקים הערט ניט אויף צו שמייסען. אזש די מאמע האט זיך שוין געמוזט ארייננמישען:

— לאז צורוה, יאקים, גענוג שוין; א רחמנות. גאט'ס באשעפעניש...

ביילעק איז ניט אנטלאפען, ווי זיין שטייגער איז, נאר ער האט זיך אנידערגעזעצט אויף דער ערד, לעבען דער וואנד פון דער שאפע, און האט געוויינט. ס'איז געווען א רחמנות צו הערען, ווי ער האט געכליפעט. ממש ווי א קליין קינד. די מאמע האט אנגעגאסען א טעלער זויער־מילך און דערלאנגט מיר דעם טעלער מיט א שטיק ברויט:

— נא, גיב דעם משוגע'נעם. אז אך און וועה צו זיין מאמען...

איך האב אביסעל מורא געהאט פאר ביילעק'ן. די מוהמע לאה האט אמאל דערצעהלט, אז אין יערען משוגע'נעם זיצט א דבוק, און אז דער דבוק קען ארויסשפרינגען פונ'ם משוגע'נעם און אריין אין א געזונטען מענשען, ווערט דער געזונטער משוגע. און די שקצים'לעך פונ'ם דארף האבען געשמועסט, אז א משוגע'נער בייסט זיך, ווי א הונד.

האט מיר טאקי אביסעל געטיאכקעט דאס הארץ, ווען איך האב צוגערוקט צו ביילעק'ן די זויער־מילך מיט'ן ברויט. איך האב געוואלט זיך אבטראגען וואס גיכער, ערשט ביילעק כאפט מיך אן ביי דער פאלע און לאזט ניט. איך וויל שרייען — און ביילעק שטשירעט אוים זיינע געלע צייהן און לאכט שוין.

— איננגעלע — זאגט ער, — חי־חי, איננגעלע...

און קאטשעט זיך פאר געלעכטער.

זאג איך איהם:

— לאז אב!

ווערט ער נאך פרעהליכער און הויבט אן בעלמעטשען:

איננגעלע, דיננגעלע,
קעלבעלע, ציננגעלע,
נא דיר א שפייערעל,
גיב מיר א דרייערעל,
חאפעלע, לאפעלע, דראפעלע...

הער איך זיך אויף שרעקען און צעלאַך זיך.

אז ביילעק האָט דערזעהן — איך לאַך, ווערט ער גאָר מלא גדולה. ער שפּרינגט אויף, מאַכט א טענצעל ארום דער שיסעל מיט זוויער־מילך, נאָכדעם הויבט ער זי אויף מיט דריי פינגער, ווי א קונצען־מאַכער, זופּט זי אויס אין איין אָטעם און טוט זי א וואָרף אָן דער וואנד, אזוי אז עס שפּריצען פון איהר שערבעלעך אין אלע זייטען. נאָכדעם קוליעט ער זיך איבער און אַנטלויפט אין וואלד אריין מיט א פרעהליכען „קו־קוריקו." דעם שטיק ברויט האָט ער ארייגעדרוקט אין בוזעם.

פון דעמאָלט אָן האָב איך שוין קיין מורא ניט געהאַט פאַר ביילעק'ן.

איינמאָל אין א הייסען זומער־טאָג בעגעגענט מיך ביי־לעק אונטער'ן בארג, לעבען טייבעל. ער ווערט שטאַרק אויפ־געלעגט און הירזשעט. נאָכדעם כאַפּט ער מיך אָן פאַר'ן האנד און נעהמט מיך, טענצלענדיג, פיהרען בארג ארויף. מיר איז אביסעל קאַלעמוטנע אויף דער נשמה. איך טראַכט מיר: וואָס וויל ער? אָבער איך געה איהם נאָך. יענער לעגט ארויף א פינגער אויפ'ן מויל און זאָגט אלעמאָל: „ש־ש־שו ש־ש־ש", און זיין פּנים איז זעהר ערנסט.

אזוי זיינען מיר געגאַנגען א שטיק צייט, ביז מיר זיינען דערגאַנגען צו א גרויסען בוים. דער בוים האָט איינגאַנצען געהורזשעט, ווייל אויף זיינע צווייגען זיינען געווען א סך ביה־נען. ביילעק זעצט זיך מיך אנידער אויפ'ן גראָז און אליין דראַפּעט ער זיך ארויף אויפ'ן בוים. באַלד קומט ער צוריק מיט א פולער האנד פרישען האָניג. מסתמא איז אין דעם בוים געווען א נעסט פון ווילדע ביהנען. ער שטופּט מיר אין מויל אריין א שטיק האָניג — און קוועלט, ער צעגעהט אזש פאַר געלעכטער. אנ'אנדער שטיק לעגט ער אריין צו זיך אין מויל אריין און דאָס איבעריגע צעשמירט ער איבער'ן פּנים.

מסתמא האָט דאָס ביי איהם געהייסען, אז ער איז מיט מיר חבר.

3.

איינמאָל האָט זיך ביי אונז געמאַכט א שריפה. דער טאַטע איז ניט געווען אין דער היים — ער איז אוועקגעפאָהרען אין שטאָדט אריין צו סליחות. די מאַמע איז געשלאָפען אין בעט מיט'ן קלענערען שוועסטערעל. דער שומר יאַקים — אין פאָדער־הויז. קיינער האָט ניט באַמערקט, ווי די שטוב האָט אָנגעהויבען ברענען. די מאַמע האָט זיך אויפגעכאַפּט, ווען ס'האָט שוין אָנגעהויבען זעצען א פלאַם. זי האָט געכאַפּט אויף גיך דאָס שוועסטערעל און איז ארויסגעלאָפען א צוטו־מעלטע אינדרויסען. פון איהר געשריי און פון דער היץ האָט זיך אויך אויפגעכאַפּט יאַקים און איז אויך ארויס אינדרויסען.

דאָס האָט מען מיר אלין נאָכדעם דערצעהלט. איך בין דעמאָלט געשלאָפען אינ'ם פינסטערען חדר, וואו עס איז ניט געווען קיין פענסטער. מסתמא בין איך געווען זעהר מיעד, ווייל איך האָב גאָר ניט געהערט א לאַנגע צייט. אז איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, געדענק איך, ס'איז מיר געווען ביטער אין האלז און איך האָב געוואָלט הוסטען און ניט געקענט. איך האָב געעפענט די אויגען, ס'איז אָבער געווען א געדיכטער רויך און איך האָב קיין זאַך ניט געזעהן. איך האָב מיט גרויס מיה זיך אויפגעהויבען — הענד און פיס זיינען געווען ווי געלעהמט — און געוואָלט אראָבקריכען פונ'ם געלעגער. ווי נאָר איך האָב אָבער געמאַכט דעם ערשטען טריט, האָט זיך מיר פערדרעהט דער קאָפּ, אין די אויגען איז מיר געוואָרען רויט, עמיצער האָט מיר ווי צונויפגעקוועטשט דעם האלז — און איך בין געפאַלען חלשות.

אין דרויסען — אזוי האָט מען מיר נאָכדעם דערצעהלט — זיינען דערווייל יאַקים און די מאַמע ארומגעלאָפען, ווי ניט אין זיך, געבראָכען די הענד, געשריגען. א חוץ זיי איז ניט גע־ווען קיין לעבעדיגער מענש. ביז'ן דאָרף איז א האלבע שעה לויפען. ארייגעהן אין שטוב מיך ארויסנעהמען האָבען זיי ניט געקענט, ווארום די שטוב האָט געברענט פון אלע זייטען, ווי א הויפען שטרוי, און ס'איז ניט מעגליך געווען צוצוטרע־טען נאָהענט. (די שטוב איז געווען א הילצערנע, א סאָס־נאָווע, און טרוקען ווי א שוועבעלע). פון טיר און פענסטער האָט געזעצט א פלאַם.

די מאַמע האָט זיך אפילו געפּרופט ארייגלויפען אין פאָ־דער־הויז, ס'האָט איהר אָבער באַלד פארשלאָגען דעם אָטעם, און יאַקים האָט זי קוים ארויסגעטראָגען א לעבעדיגע.

די מאַמע איז אומגעפאַלען אויף דער ערד אָהן כח און האָט זיך געשלאָגען מיט די הענד אָן קאָפּ און געיאָמערט. נאָכ־דעם איז זי אויפגעשפּרונגען און גענומען ארומלויפען ארום דער שטוב און שרייען מיט א הייזעריג קול: „מיין קינד! מיין קינד! ראַטעוועט מיר מיין קינד!" די שטוב האָט גע־פלאַקערט. אלע רגע האָט געקענט איינפאַלען דער דאַך.

אין דער מינוט — אזוי האָט מיר די מאַמע דערצעהלט — האָט זיך פון דעם וואלד באַוויזען דער משוגע'נער ביילעק. ער האָט א קוק געטאָן אויף דער מאַמע'ן, אויף יאַקים'ען, גיך אראָבגעוואָרפען די שמאַטעס פון זיין לייב און דאָס העמד און אריין אין שטוב.

די מאַמע איז געבליבען שטעהן א צומישטע. יאַקים האָט געקוקט אויפ'ן פייער מיט אויסגעשטעלטע אויגען. ס'איז אוועק א פּאָר מינוט. די פלאַמען זיינען נאָך געוואָרען גרעסער.

פּלוצלונג האָט זיך ביילעק ווידער באַוויזען. ער איז גע־ווען רויט, אָבגעבריהט, מיט א פאַרפלאַמט פּנים. אויף די הענד האָט ער געטראָגען מיך. איך בין געווען פער'חלש'ט און ניט געוואוסט וואָס ס'טוט זיך מיט מיר.

אז איך האָב געעפענט די אויגען, האָב איך דערזעהן: איך ליג אויף דער ערד, אויף א בונט שטרוי. די מאַמע זיצט לעבען מיר אויפ'ן גראָז. יאַקים איז אָנגעבויגען איבער מיר און שפּריצט אויף מיר וואַסער פון אן עמער. ביילעק שטעהט א נאַקעטער און שאָקעלט מיט די הענד און מאַכט מיט די ליפּען.

איך האָב פאַרמאַכט די אויגען און א שטיקעל צייט געלעגען און זיך ניט גערוהרט. אין קאָפּ האָט זיך מיר גערדרעהט. עפּעס האָב איך אי יאָ געוואוסט, אי ניט געוואוסט, וואו איך בין. די גאַנצע זאַך האָט מיר אויסגעזעהן ווי א חלום. שפּע־טער האָב איך זיך אויפגעזעצט און גענומען קוקען ארום זיך.

אז ביילעק האָט דערזעהן: איך זיץ — איז אין איהם ווי א פייער אריין. ער האָט אָנגעהויבען מאַכען ווילדע שטיק, געטאַנצט, געפּאַטשט זיך מיט די הענד איבער די נאַקעטע פיס, געהירזשעט. ער האָט זיך געוואָרפען אויף דער ערד און זיך איבערגעקוליעט אפשר צעהן מאָל. נאָכדעם האָט ער זיך אנידערגעזעצט אויף דער שטרוי גאָר נאָהענט לעבען מיר, א שמיר געטאָן מיט זיין האנד איבער מיין נאָז און זיך צעלאַכט:

— חי־חי־חי־חי. אינגעלע!... אינגעלע!...

איך וואָלט געקענט שווערען, אז ער לאַכט גאָר ניט, נאָר איהם ווילט זיך וויינען.

די מאַמע איז אביסעל געקומען צו זיך און זאָגט איהם:

— משוגעת, טו זיך אָן!

ביילעק איז אויפגעשפּרונגען, געכאַפּט זיינע שמאַטעס, מיך ארומגעוויקעלט מיט זיי, נאָכדעם מיך א באַפּ געטאָן אויף זיינע הענד און געוויגט, ווי א מאַמע וויגט א קינד.

אינגעלע, רינגעלע,<br>
קעלבעלע, קלינגעלע,<br>
שלאָפּעניו, פּאַפּעניו...

יאַקים איז צוגעגאַנגען און מיך ארויסגעצויגען פון זיינע הענד, און זאָגט איהם מיט א בייזען גוי'עשען קול:

— דו מאַך ניט קיין נארישע שטיק, פּרא אָדם.

ביילעק האָט זיך איינגעבויגען, א שפּרונג געטאָן איבער'ן גראָז, זיך א פּאַטש געטאָן מיט ביידע הענד איבער'ן נאַקעטען הארצען, — ס'האָט אַזש אָבגעהילכט ווי א קעסעל־פּויק — און איז אוועק אין וואלד אריין, ווי די מאַמע האָט איהם גע־האַט.

פון דעמאָלט אָן האָב איך ביילעק'ן ניט געזעהן. די פּאָר וואָכען איבער יום־טוב זיינען מיר איינגעשטאַנען ביי א אידען אין דאָרף, ווארום אונזער שטוב איז געווען איין קופּע שוואַר־צע האָלעוועשקעס. נאָך סכות האָט מיך דער טאַטע אָבגע־פיהרט אין שטאָדט אריין לערנען ביי א מלמד, און אויף פּסח האָבען מיר זיך אריבערגעקליבען אין אן אנדער וואלד.

# די נאָרמאַלע ענטוויקלונג פון קינד

האננאה ג. סאלוצקי

ווען דאָס קינד ווערט געבוירען האָט דאָס אבסאָלוט קיין פאַרשטאַנד ניט און ווילען ניט. אַלע זיינע באַוועגונגען זיינען אינסטינקטיוו און מעכאַניש, אָהן אַ שום קאָנטראָל פון זיין זייט. לעגט מען דאָס אַוועק ליגט דאָס אין דער זעלבער לאַגע און קען זיך ניט ארומקעהרען. הויבט מען דאָס אויף און מען פּראָבירט דאָס האַלטען גלייך, אויפגעשטעלט, וואַרפט זיך זיין קעפּעל פון איין זייט אויף דער צווייטער, ווי עס זאָל עפּעס גאָר ניט זיין קיין לעבעדיגע זאַך. און ניט נור פעהלען איהם נאָך דאַן אַזוינע הויכע גייסטיגע אייגענשאַפטען ווי פאַרשטאַנד און ווילען, ניט פיעל בעסער האַלט דאָס מיט זיינע חושים. דער איינציגער חוש וואָס איז שוין גוט ענטוויקעלט ביי דעם ניי־געבוירענעם קינד איז דער געשמאַק. דאָס ציהט גלייך פאַר זיס צו ביטער אָדער זויער. די זעה־קראַפט איז נאָך זעהר שוואַך. דאָס קען אונטער־שייד'ען צווישען אַ שטאַרקע ליכט און פינסטערניש, אָבער ווען מען פּראָבירט עפּיס שנעל צו באַוועגען פאַר זיין געזיכט גיט דאָס ניט קיין פינטעל מיט אַן אויג. אויך הערט דאָס ניט און שמעקט ניט. שפּעטער אביסעל הויבט דאָס אָן צו וואַרפען מיט די הענטלעך און פיסלעך. דאָס כאַפּט שוין אויך אָן אַ זאַך, ווען מען לעגט עס אריין אין דער האַנד אריין, אָבער דאָס זיינען נאָך אַלץ אינסטינקטיווע, אונווילקירליכע באַוועגונגען. דאָס טוט אַזוי און ניט אַנדערש, ניט ווייל דאָס וויל אַזוי, נור ווייל דאָס קען אַנדערש ניט.

דיזער זינלאָזער, ווילענלאָזער און כמעט חוש־לאָזער צו־שטאַנד געדויערט אָבער ניט לאַנג. צווערשט לאָזט זיך מערקען די ענטוויקלונג פון געהער און פון חוש פון שמעקען. ווען דאָס קינד איז נאָך קיין פולע וואָך ניט אַלט, כאַפּט דאָס זיך שוין אויף פון שלאָף, ווען דאָס דערהערט אַ שטאַרקען גערויש. דאָס באַמערקט אָבער ניט פון וואַנען אַ קלאַנג קומט ביז דאָס איז ביי דריי מאָנאַטען אַלט.

צו פינף, זעקס וואָכען וועט אַ קינד פערמאַכען די אויגען ווען עפּעס אַ געגענשטאַנד וועט זיך שנעל באַוועגען גאָר נאָהענט פון איהם. דאָס צייגט אַז די זעה־קראַפט ענטוויקעלט זיך. צו צוויי מאָנאַטען זעהט דאָס שוין טאַקע גוט, אָבוואָהל קיין קאָ־לירען קען קיין קינד ניט אונטערשיידען ביז דאָס איז אַלט אַ יאָהר אָדער מעהר. דער קאָליר, וואָס ציהט צו אַם מעהרסטען, ווען דאָס איז נאָך גאָר יונג איז רויט.

אַ קינד פון אַ מאָנאַט הויבט שוין אָן אויסדריקען זיין פאַרגעניגונגען דורך אַ שמייכעל, דאָס קען אָבער ניט לאַכען אין דער הויך ביז אַ מאָנאַטען פינף. דער שמייכעל אויף אַ קינד'ס געזיכט איידער דאָס איז אַ מאָנאַט אַלט, בעדייט קיין זאַך ניט. דאָס באַלאַנגט צו די אינסטינקטיווע, מעכאַנישע באַוועגונגען, ווי דאָס באַוועגען אָדער אויסשטרעקען די הענט מיט די פיס.

ארום דריי מאָנאַטען הויבט דאָס קינד אָן אָנצוכאַפּען זאַ־כען, אָבוואָהל דאָס האָט נאָך ניט קיין באַגריף פון שטרעקע און ווייסט ניט צו אַ געגענשטאַנד איז נאָהענט אָדער ווייט. צו זעקס מאָנאַטען איז דאָס שוין אימשטאַנדע מעהר אדער וועניגער צו רעגולירען זיינע באַוועגונגען און דאָס שפּיעלט זיך שוין מיט זאַכען מעהר כאַוואוסטזיניג.

ווען דאָס קינד איז אַ מאָנאַטען צוויי אַלט באַזיצט דאָס שוין די קראַפט אויפצוהויבען דעם קאָפּ, און צו דריי, פיער מאָנאַטען האַלט דאָס דעם קאָפּ פריי און זעלבסטשטענדיג, אָהן שום שטיצע פון אַנדערע. צו דריי, פיער מאָנאַטען פּראָבירט דאָס זיך זעצען און ווען דאָס ווערט אַלט אַ מאָנאַטען זעקס, זיבען קען דאָס זיצען אליין. דאָס איז אָבער נאָך ניט שטאַרק פעסט ביי זיך און מען קען דאָס לייכט אומוואַרפען. זיצען פעסט לערענט זיך דאָס ערשט אויס צו ניין, צעהן מאָנאַטען.

צו זעקס, זיבען מאָנאַטען וועט דאָס קינד זיך פּראָבירען שטעלען אויף די פיסלעך, ווען מען האַלט דאָס אויף די הענד גלייך, אויסגעשטרעקט ווי צום שטעהן; דאָס שטעלט שוין אויך אַ פוס פאַר אַ פוס, ווי צום געהן. צו זיבען, אכט מאָ־נאַטען הויבט דאָס אָן קריכען און אָפּט צו ניין אדער צעהן מאָנאַטען שטעלט דאָס זיך שוין אַליין אויף. מען טרעפט קינ־דער וואָס הויבען אָן געהן צום יאָהר. אַזעלכע זיינען אָבער אויסנאַהמען, די מעהרסטע הויכען אָן שפּאַנען צו פופצעהן, זעכצעהן מאָנאַטען און פיעלע געזונדע, נאָרמאַלע קינדער געהען ניט פאַר די צוויי יאָהר.

דער פאַרשטאַנד הויבט זיך אָן ענטוויקלען ביים קינד גאַנץ באַמערקענסבאַר, ווען דאָס ווערט אַלט אַ מאָנאַטען דריי. דאַן פאַנגט מען שוין אָן כאַשייַנפּערליך ארויסצוזעהן אז דאָס קליינע מענשעלע האַנדעלט מעשה חכם מיט׳ אַ געדאַנק, מיט ישוב הדעת. דאָס דערקענט שוין אָפט די מוטער און פרעהט זיך טאַקע מיט איהר. ווען הונגעריג איז געגנוג צו דערזעהן אז די מוטער גרייט זיך צו געבען עסען, ווערט מען אַנשווייגען אין מען וואַרט געדולדיג. דערזעהט מען העלע קאָלירען, דערפרעהט מען זיך שטאַרק. זאָגאַר נאָך פאַר די דריי מאָנאַטען האָט דאָס שוין פאַרגעניגונגען פון זיין אויף די הענד ביי איינעם, אין פראַ־טעסטירט געגען דער זעלבער פריינדליכקייט פון אַ צווייטען. אין אַלגעמיין האָט דאָס שוין דאַן שטאַרק האַלט מען זאָל דאָס ארומטראָגען, און מאַכט גוואַלדען, ווען די מוטער אָדער אַן אַנדערער לעגט צוריק דאָס אַוועק אויפ'ן בעט. צו פיער, פינף מאָנאַטען דערקענט דאָס שוין אַנדערע אַ חוץ דער מוטער, און דערזעהט מען אַ כאַקאַנטען, שיינקט מען אַ שמייכעל און מען שטרעקט די אָרעמס.

ארום זעקס, זיבען מאָנאַטען הויבט דאָס קינד אָן ארויס־צוזאָגען זילבען, באַזאָנדערס אַזעלכע וואָס ענטהאַלטען דעם קלאַנג אַה, אזוי ווי מאַה, באַה, דאַה, פּאַה, נאַה. די מוטער איז דאַן זיכער, אַז דאָס קינד זאָגט מאַמאַ, פּאַפּאַ, באַבאַ. דאָס איז אָבער ניט ריכטיג, דאָס קינד רעדט ארויס די זילבען פשוט דערפאַר, וואָס זיי זיינען צום לייכטסטען ארויסצורייַדען. וואָס עלטער דאָס ווערט און זיין פאַרשטאַנד ענטוויקעלט זיך, אַלץ מעהר מאַכט דאָס נאָך די קלאַנגען פון דער שפּראַך, וואָס דאָס הערט ארום זיך און אזוי ענטוויקעלט זיך ביי דעם דאָס ריי־דען. צום יאָהר זאָגט דאָס אַ פּאָר ווערטער ווי מאַמאַ, פּאַפּאַ, בייבי, און צו צוויי יאָהר קען דאָס שוין מאַכען גאַנצע זאַצען.

אַ ניי־געבוירענע קינד פאַרגיסט קיין טרערען ניט. ווען דאָס וויינט זיינען די אויגען נאַסליך, אָבער טרערען כאַווייזען זיך ערשט צו דריי, פיער מאָנאַטען. ארום דער זעלבער צייט באַווייזט זיך אויך מעהר שפּייעכץ אין מויל. דיזע פליסיגקייט העלפט פיעל אין דער פאַרדייהונג פון קראָכמאַל, און איז דאַ־ריבער זעהר וויכטיג פאַר דעם מענשענס געזונד. אין אַנהויב האָט דאָס קינד גאָר ווענוג שפּייעכץ צו האַלטען נאַס דאָס מויל, צו דריי־פיער מאָנאַטען אָבער כאַווייזט זיך אַזוי פיעל פון דעם מין, אַז עס רינט אַזש פון מויל. געוועהנליך דענקט מען, אַז „סליונען" איז אַ סימן פון מאַכען ציינער, אין דער אמת'ן קומט דאָס אָבער אונאָבהענגיג פון די צייהנער. דעם מענ־שענ'ס אָרגאַניזם ענטהאַלט אויך פאַרשידענע אַנדערע פאַר־דייהונגס־פליסיגקייטען אַ חוץ שפּייעכץ און פון דעם אַלעם איז גאָר ווענ'ג פאַראַן ביי דעם ניי געבוירענעם קינד. וואָס עלטער דאָס קינד ווערט, דעסטאָ מעהר ענטוויקעלט זיך זיין פאַרדיי־הונגס־קראַפט און נאַטירליך פערמעהרען זיך אויך אין דער זעלבער צייט די פאַרדייהונגס־פליסיגקייטען.

דאָס ערשטע צייהנדעלע פאַרשאַפט געוועהנליך אונגע־הויער פיעל פאַרגעניגען די טאַטע־מאַמע און דער גאַנצער משפּחה. מען זאָגט יעדען אָן די בשורה וועגען קינדס נייער

עראָבערונג, יעדער באטראכט דאָס גאָט'ס וואונדער און רעדער, אָדער מהרסטענס די, וואס האָט צוערשט ענטדעקט דעם אוצר איז ניט וועניגער שטאָלץ, ווי דער ענטדעקער פון עפּעס א נייער פּלאנעט. די זעלבע צייהנער, פון וועלכע מען שעפּט אזוי פּיעל נחת פּאראורזאכען אָבער אָפט אויך זעהר פּיעל דאגות. דאָס לעצטע נעהמט זיך הויפּטזעכליך פון א פאלשען דיאגנאָז וואָס די מעהרסטע מענשען שטעלען. יעדע אונאָרדנונג וואס קומט פאָר אין קינדס געזונד אין צייט, וואס די צייהנער קומען, שרייבט מען צו צו דער זעלבער אורזאכע. „דאָס קינד ליידעט, ווייל עס מאכט צייהנער." דאָס איז דורכאוים ניט ריכטיג. דאָס מאכען צייהנער איז א פאָלקאָם נאָרמאלער פּראָצעס און עס איז ניטאָ קיין אורזאכע ווארום דאָס קינד זאָל זיין קראנק בשעת דער פּראָצעס קומט פאָר. מען רעדט זיך אָבער איין, אז ווען דאָס קינד האָט היץ איז דאָס פון די צייהנער, ווען דער מאָגען קאָכט ניט קומט דאָס פון די צייהנער, ווען די אויגען זיינען ענצינדעט זיינען שולדיג די צייהנער, און נאָך אין נאָך אנדערע וועהטאָגען שרייבט מען צו צו די אונשולדיגע צייהנער. דאריבער פארנאכלעסיגט מען דיזע פארשיעדענע אונאָרדנונגען און דאָס קינד ליידעט פון דעם שרעקליך פּיעל. עס זיינען באוואוסט פעלע, וואו קינדער זיינען געגאנגען פון דער וועלט נור ווייל זייער געזונד איז פארנאכלעסיגט געווארען איבער דעם וואס די עלטערען זיינען געווען זיכער, אז דאָס קינד וועט געזונד ווערען אזוי שנעל, ווי עס וועט זיך באווייזען א נייער צאָהן. אמת, עס זיינען פאראן קינדער, וועלכע ליידען שטארקע וועהטאָגען צוליעב די צייהנער, אָבער יענע פעלע זיינען אבנאָרמאלע און פאסירען אזוי זעלטען, ווי אנדערע קינדערשע קראנקהייטען. געוועהנליך דארף מען האָפען אז די צייהנער וועלען ביים קינד קומען נאָרמאל און לייכט און ווען דאָס קינד פיהלט זיך ניט גוט מוז מען דאָס קורירען, צו דאָס מאכט צייהנער צו ניט.

די מעהרסטע קינדער הויבען אָן מאכען צייהנער ווען זיי זיינען ארום זיעבען מאָנאטען אלט. צום יאָהר האָבען זיי זעקס צייהנער און צו צוויי און א האלב יאָהר זיינען שוין ביי זיי פאראן אלע צוואנציג מילך צייהנער.

ביי איינינגע הויבען זיך די צייהנער אָן שניידען פריהער און ביי איינינגע שפּעטער ווי אין דער אָנגעדייטעטער צייט. אויב א קינד פון א יאָהר האָט נאָך קיין איין צאָהן ניט אין מויל דארף מען זיך בעראָטען מיט א דאָקטאָר. מעהרסטענס איז דאָס א סימן פון פיזישער שוואכקייט.

אלעס, וואס איז דאָ געזאָגט געווארען וועגען דער נאָרמאלער ענטוויקלונג פון קינד, באציהט זיך אויף דעם ד ו ר כ ש נ י ט ל י כ ע ן פאל. עס זיינען דאָ פיעלע, פיעלע אויסנאהמען, און ווען א קינד וואקסט ניט לויט דער באשריבענער אָרדנונג מיינט דאָס נאָך בשום אופן ניט, אז דאָס איז ניט נאָרמאל. א סך קינדער ענטוויקלען זיך פריהער, און פיעלע פארשפּעטיגען אביסעל, דאָך איז גאָר קיין סימן ניט אז די ערשטע וועלען אויסוואקסען אויסנאהמס קלוג, אדער אויסנאהמס פעהיג, אָדער די לעצטע וועלען שטעהן נידריגער פון זיי.

בשעת דאָס קינד האלט אין וואקסען, און באזונדערס די ערשטע פּאָר יאָהר פון זיין לעבען איז פאר די עלטערען א גרויסער נחת, ווען דאָס באווייזט וואס מעהר חכמות, זיי מוזען אָבער בשום אופן דערפון ניט ציהען קיין שליסע וועגען קינדס צוקונפט. די ערשטע פּאָר יאָהר איז זיין צוקונפט נאָך זיכער א פארמאכטער בוך. וועגען קינדער־אויסנאהמען און קינדער וואָס ווייזען זיך פאר זשעניען נאָך ביי דער מוטערס ברוסט הערט מען אויף יעדען טריט און שריט. מעהרסטענטיילס קומען אָבער ענטוישונגען, ווען די זשעניען וואקסען אויס גאנץ געוועהנליכע אינגלעך און מיידלעך. דאָס בעסטע איז צו ווארטען געדולדיג, ביז דאָס קינד וואקסט אונטער און דאן באשטימען וועגען זיין צוקונפטיגער גרויסקייט.

דערווייל, ווען דאָס קינד איז נאָך א פּיצעלע, דארף מען זיך אמת פרעהען אויב דאָס איז נאָרמאל, אָהן וועלכע עס איז פיזישע אָדער גייסטיגע חסרונות. דאָס איז די הויפּט זאך. א חוץ דעם באווייזט יעדעס נאָרמאלע קינד גענוג חכמות צו פארשאפען די עלטערען די גרעסטע פארגעניגען, און וועגען ווייטער „זאָל גאָט זאָרגען."

# דריי ארבייטער קאָנווענשאַנס

י. ק. ברוידעס:

דער סעזאָן פון קאָנווענשאָנס איז שוין כמעט אריבער. לעצטען מאָנאט זיינען שוין אָבגעהאלטען געווארען די קאָנווענשאָנס פון די וויכטיגסטע ארבייטער ארגאניזאציאנען אין אמעריקא, אידישע און אלגעמיינע. אין סט. פּאול האָבען זיך פארזאמעלט די פארשטעהער פון דער מעכטיגער אמעריקאן פעדריישאָן אָוו לייבאָר. די אינטערנעשיאנאל ליידיס גארמענט ווארקערס יוניאן, וועלכע איז א וויכטיגער טייל פון דער א. פ. אָ. ל., האָט אָבגעהאלטען ארום דער זעלבער צייט איהר יעהרליכע קאָנווענשאָן אין באָסטאָן און די קאָנווענשאָן פון דער רעוואָלוציאנערער אמאלגאמייטעד קלאָדהינג ווארקערס יוניאן האָט געהאט איהר צוזאמענפאָהר אין באלטימאָר. די לעצטע צוויי אָרגאניזאציעס זיינען כמעט דורכאוים אידישע. די אמעריקאן פעדעריישאָן אָוו לייבאָר, וועלכע ווערט פאררעכענט אלס די אָפיציעלע פאָרשטעהערין פון דער היגער ארבייטער־באוועגונג, רעפּרעזענטירט דעם זאָגענאנטען ריין־אמעריקאנישען גייסט צווישען די ארבייטער. עס איז כדאי צו שטודירען די פארהאנדלונגען אויף די דאָזיגע דריי קאָנווענשאָנס. די גרויסע און מעכטיגע א. פ. א. ל. האָט ניט געהאט קיין זאך צו זאָגען די ארבייטער פון לאנד וועגען קיינע פון די זעהר וועכטיגע לעבענס פראגען אין וועלכע אלע ערנסטע ארבייטער מוזען זיך יעצט פארטראכטען. די קאָנווענשאָן איז דורכגעגאנגען ווי איהרע צעהנדליגע קאָנווענשאָנס ביז יעצט. קיינע נייע פּראָבלעמען האָט די א. פ. א. ל. פאר זיך ניט געהאט. אָבגעטאָן די געוועהנליכע קאָנווענשאָן ביזנעס, פארנאנדערגעטיילט די כבודים — זיינען זיך די דעלעגאטען בשלום פאנאנדערגעפאָהרען אהיים. ווען ניט דער פאָרשטעהער פון דער „אימיגראנטען יוניאן", די קלאוקמייקערס, וועלכער האָט מיט הארצוועהטאָג זיך געמוזט אָננעהמען פאר דעם פארשוועכטען כבוד פון די ארבייטער פיהרער אין אייראָפּא, וואָלט גאָר ניט, לחלוטין גאָר ניט, געווען וואס צו דערצעהלען וועגען דער קאָנווענשאָן פון דער א. פ. א. ל.

עס איז אָבער קיין וואונדער ניט. די פיהרער פון דער אמעריקאן פעדעריישאָן אָוו לייבאָר ו ו י י ס ע ן ניט פון קיינע האָפנונגען, פון קיינע שטרעבונגען און פון קיינע אידעאלען פון דעם ארבייטער קלאס, — אזוינע זאכען זיינען זיי פרעמד.

די אמעריקאן פעדעריישאָן אָוו לייבאָר איז קיינמאָל ניט געווען אפילו קיין ראדיקאלע אָרגאניזאציע. קיין גרויסע וועלט פראגען אויסער די פראגען פון די לענ: פונ'ם ארבייטסטאָג און די הויך פון דעם מקח פאר ארבייט, האָבען פאר איהר ניט עקזיסטירט. אייגענטליך איז זי לכתחילה געשאפען געוואָרען אלס א קאָנטער־רעוואָלוציאָנערער מיטעל געגען די אומרוהיגע „נייטס אָוו לייבאָר." יענע האָבען גע'חלומ'ט וועגען א צייט, ווען דער ארבייטער קלאס וועט ניט נור לעבען אונטער מענשליכע באדינגונגען, נור ער וועט באהערשען די וועלט, וועלכע ער שאפט. די אמביציעס פון די גרינדער און די פיהרער פון דער נייטס אָוו לייבאָר באוועגונג זיינען געווען אזוי גרויס

און אזוי אומבאַפענד ווי די טיעפסטע האָפנונגען פון די טרוימער פון דעם ארבייטער קלאס — דאָס איז געווען דער אָבקלאַנג פון די שטורעמדיגע רופען פון דער ניי־געבאָרענער סאָציאליסטישער באוועגונג אין אייראָפּא. דער רוף „ארבייטער פון אלע לענדער, פאראייניגט אייך” איז געווען אזוי מעכטיג, אז זיין ווידערקול דאָ ביי אונז אין אמעריקא האָט אָנגעמאַכט א גוואלדיגען רעש און האָט אָנגעווארפען אַ שרעק אויף די הערשענדע קלאסען. די אמעריקאן פעדעריישאָן אָוו לייבאָר איז ראמאלס געשאפען געווארען אלס א מיטעל געגען דער „געפעהרליכער” באוועגונג. גאָמפּערס און זיינע חברים זיינען דאמאלס ארויס געגען די בעלי־חלומות, די „פארפיהרערישע” טרוימער־רעוואָלוציאָנערען. זיי האָבען ענערגיש אָרגאַניזירט די אמעריקאַנער ארבייטער פאר פּראַקטישע צוועקען: א קורצערער ארבייטס־טאָג, „מענשליכע” שכירות פאר די „רעגעלע” שטונדען און „טיים־ענד־איי־העלף” פאר אָווערטיים — דאָס איז געווען זייער גאַנצער פּראָגראַם, קיין גרעסערע חלומות, קיין ברייטערע אמביציעס האָבען זיי ניט געהאַט, ניט פאר זיך זעלבסט און ניט פאר די צוקונפטיגע דורות פון דעם ארבייטער קלאַס אדער פאר דער וועלט בכלל.

דאָס איז געווען דער אידעאל פון א שקלאַף, וועלכער האָט ניט קיין האָפנונגען און קיין פארלאנג אפילו ווען עס איז אינגאַנצען זיך צו באפרייען. ער וויל האָבען מעהר צייט אויף צו שלאָפען, גענוג אויף אָנצושטאָפען דעם מאָגען און ניט מעהר. קיין סימן פון ווירקליך מענשליכע אמביציעס, קיין זכר פון דער זעלבסט ווירדע וואס עס דארף האָבען א קלאַס מענשען, וועלכער איז דער אמת׳ער שעפער פון דער גאַנצער מזל־ברכה פון דער מענשהייט.

די בעלי־חלומות פון די נייטס אָוו לייבאָר זיינען פארשוואונדען כמעט אין גאנצען און די פראקטישע פראגראַם פון דער אמעריקאן פעדעריישאָן אָוו לייבאָר האָט טריאומפירט. דאס איז געווען א זיעג פאר דער באריהמטער אמעריקאנער פּראקטישקייט. די אמעריקאנער ארבייטער האָבען „געטאָן ביזנעס” מיט זייערע בעלי בתים, זיי האָבען זיי „פארקויפט” ארבייט; זיי האָט ניט אינטערעסירט וויפיעל די קונים האָבען „פארדיענט” אויף זייער סחורה, אבי זיי האָבען אליין געקראָגען א גוטען מארקעט־פרייז. דער אידעאל פון די פיהרער פון דער לייבאָר פעדעריישאָן איז געווען צו זיין גוטע ביזנעס־לייטע. זיי האָבען ניט באגריפען אז דער ארבייטער איז ניט קיין שאַכער־מאַכער, נור דער אמת׳ער שעפער פון די זאכען וואס האָבען א ווערטה אין דער וועלט, און אז ער שאפט דאָס אלעס אויף דעם רעכענונג פון זיין אייגענעם לעבען, אויף וועלכען נור ער אליין און ניט קיין אנדערער קען האָבען וועלכען עס איז רעכט

מיט דעם פּאָליטישען לעבען פון׳ס לאַנד האָט די אמעריקאן פעדעריישאָן אָוו לייבאָר זיך אינטערעסירט נור אויף אזוי פיעל, וויפיעל עס קען האָבען א ווירקונג אויף איהר פרייען „מסחר” מיט ארבייט. זי האָט פון דער רעגיערונג דירעקט קיין מאָל גאָר ניט געפאָדערט, אויסער אז זי זאל ניט שטערען די ארבייטער אין זייער פ ר י וו א ט ע ן קאמפף. די פיהרער פון דער פעדעריישאָן האָבען שטענדיג אנערקענט דאָס רעכט פון קאפּיטאל צו עקספּלואטירען אזוי פיעל, וויפיעל „עס לאָזט זיך.” זיי האָבען פּראָטעסטירט ווען זיי האָבען קלאָהר געזעהן אז די עקזיסטירענדע מאַכט ב אַ ש י צ ט די עקספּלואַטאָרען און שטערט די עקספּלואַטירטע צו קעמפפען געגען זיי. אָבער זיי זיינען געבליבען פאָלשטענדיג צופריעדן וועןביידע צדדים, קאפּיטאל און ארבייט, האָבען געהאַט „גלייכע געלעגענהייטען”. דאָס איז געווען זייער אידעאל פון די אמעריקאנער פרייהייטען און וועגען קיין בעסערס האָבען זיי קיינמאָל ניט געטרוימט.

די פיהרער פון דער אמעריקאן פעדעריישאָן אָוו לייבאָר, האָבען שטענדיג געדענקט, אז די ארבייטער האָבען ניט קיין אייגענע פּאָליטישע אינטערעסען, אויסער דער אינטערעס צו פארטיידיגען די פּאָליטישע „פרייהייטען”. דער קלאַסען קאמפף צווישען די פארשיעדענע קאפּיטאליסטישע גרופּען דאָ אין אמעריקא, ווי אומעטום, איז פאר די לעצטע הונדערט יאהר געווען זעתר אַ שאַרפער. יעדע גרופּע האָט פלייסיג געשטודירט איהרע אייגענע אינטערעסען און ענערגיש זיי פארטיידיגט דורך זייערע אייגענע פאָרשטעהער אין דער פּאָליטישער אָרגאַניזאציע פון לאַנד. די קעמפּפע פאר און געגען א הויכען טאריף, פאר און געגען רעגיערונגס־הילף צו געוויסע קאפּיטאליסטישע אונטערנעהמונגען, פאר אדער געגען א געוויסע סיסטעם פון פינאַנסען, פאר און געגען רעגיערונגס אייגענטום אויף אייזענבאַהנען א. ד. ג., פאַרנעהמען דעם אויבען־אָן אין דער געשיכטע פון אמעריקא ביז דער סאַמע לעצטער צייט. אלע קלאסען האָבען אָפען און ענערגיש געקעמפּפט פאר זייערע אינטערעסען — אלע אויסער דעם „אָפיציעלען” ארבייטער קלאַס. די פיהרער פון דער ארבייטער באוועגונג אין אמעריקא האָבען אינגאַנצען געלייקענט, אז עס איז דאָ אן ארבייטער קלאַס אויף דער וועלט, וועלכער האָט זיך זיינע אייגענע אינטערעסען. זיי האָבען געלעבט מיט דער אַלטער איינרעדעניש, אז ווען עס איז גוט דעם בעל־הבית איז זיין שקלאַף אויך גוט; זיי האָבען געלאָזען די פּריצים צו קעמפּפען צווישען זיך און אליין זיינען זיי געבליבען שטעהן אָהן אַ זייט, י ע ד ע ג ר ו פּ ק ע ל ע ש ק ל אַ פ ע ן פ ר י י צ ו ה ע ל פ ע ן א י ה ר א י י ג ע נ ע ם פּ ר י ץ.

יעס, א זכר פון פּאָליטישע אינטערעסען האָבען זיי יא געהאַט, אָבער טאַקע נאָר א זכר. די איינציגע פּאָליטישע „אישיו” וואס די אמעריקאָן פעדערייש͏אָן אָוו לייבאָר האָט געהאַט פאר דער גאַנצער צייט פון איהר עקזיסטענץ איז געווען די מ י א ו ס ע פּראַגע וועגען אימיגריישאָן. איהרע פיהרער האָבען אימער מורא געהאַט, אז דער שטראָם פון „פרעמדע” ארבייטער פון די אייראָפּעאישע לענדער וועט דאָ קאַליע מאַכען זייערע ביזנעס; זיי האָבען זיך איינגערעדט, אז די פרעמדע וועלען ניט קענען זיך „דערהויבען” צום הויכען לעבענס שטאַנד פון דעם אמעריקאַנער ארבייטער. און דערפאר האָבען זיי אין דעם פּרט שטענדיג אָנגעפיהרט אַ קאמפּף ג ע גע ן טראַדיציאָנעלע אמעריקאנער פרייהייטען.

יאָהר־איין־יאָהר־אויס, פאר צעהנדליגע יאהרען, האָט די אמעריקאן פעדערייש͏אָן אָוו לייבאָר אָבגעהאַלטען איהרע יעהרליכע קאָנוועָנשאָנס, און דער סך־הכל פון יעדען יאהר ארבייט איז אימער געבליבען דער זעלבער. קיין סימן פון נייע שטרעבונגען, קיינע שפּראָצונגען פון נייע אידעאַלען. די ארגאַניזאַציע איז פאר דער צייט געווארען זעהר גרויס, זי איז אָבער געבליבען אָהן אייגענע אמביציעס. די צוויי און א האלב מיליאָן מיטגליעדער וואס די א. פ. א. ל. צעהלט, איז אן אונגעהויער גרויסע ארמיי, אפילו אין אזא גרויסע מדינה ווי אמעריקא; אפילו אין א צייט, ווען ארמייען צעהלען זיך אין די צעהנדליגע מיליאָנען. אן ארבייטער ארמיי איז א קראַפט, וועלכע ש אַ פ ט און וו אַ ק ס ט שאַפענדיג. דער באוואוסטזיין וועגען דעם אליין, וועגען דעם אייגענעם שטענדיגען וואוקס, דארף אין זיך האָבען גענוג כח צו שאפען גרויסע אמביציעס און וועבען טיעפּע אידעאלען. אבער א קערפּערשאַפט, וועלכע האָט ניט קיין שטרעבונגען צו באַנוצען איהרע כחות פאר שאַפענדע ארבייט איז קיין מאַכט ניט, איז שוין טויט אָדער געהט צו איהר אייגענער פארניכטונג. ליידער אָבער פארשטעהען עס ניט די פיהרער פון דער אמעריקאן פעדערייש͏אָן אָוו לייבאָר.

די אייראָפּעאישע ארבייטער האָבען כמעט אומעטום פארבונדען זייערע עקאָנאָמישע קעמפּפע מיט אמביציעזע פּאָליטישע שטרעבונגען. זיי האָבען זיך אימער געפיהלט אלס דער קלאַס וועלכער, כאָטש ער ווערט יעצט אונטערדריקט, וועט דאָך אין דער צוקונפט מוזען ווערען דער הערשער פון דער וועלט. די סאָציאליסטישע אידעאלען, דער באוואוסטזיין אַז דער ארבייטער קאַמפּף איז אומעטום דער זעלבער און מוז אומעטום פיהרען צום ענדליכען זיעג, האָט צוגעגעבען באגייסטערונג און פארשטאַרקט די כחות פון די קעמפּפער אין אלע לענדער און אויך צווישען די אמעריקאנער מאסען. אָבער די פיהרער פון דער אמעריקאן פעדערייש͏אָן אָוו לייבאָר האָבען אימער געקעמפּפט ג ע ג ע ן די סאָציאליסטישע אידעאלען און האָפנונגען.

כל־זמן די קאפּיטאליסטישע וועלט איז געווען אין א

„בליהענדען צושטאנד" און אלעס איז נעגאנגען מעהר אדער ווייניגער כשורה, האבען זיך די פארשיעדענע קלאסען גאנץ ווייניג נערעכענט מיט די פאליטישע פאדערונגען פון די ארבייטער. מען האט זיי צוגעווארפען א ביין אמאל אין א יובל און געפרובירט זיך מיט דעם אב'פטר'ן זיי. וועגען זייערע פאליטישע אמביציעס און חלומות וועגען וועלט-הערשאפט האט זיך קיינער פיעל ניט נעקימערט. אבער אין די לעצטע יאהרען האט די וועלט וואס ווייטער אלץ מעהר אנגעהויבען דערפיהלען די ווירקליכע מאכט פון דעם ארבייטער קלאס. אם שארפסטען האט מען עס-דערפיהלט זינט דער ארבייטער אליין האט אנגעהויבען טיעפער צו באגרייפען ווי גרויס עס איז זיין אייגענע מאכט און ווי הילפלאז זיינע הערשער זיינען אהן איהם. פיהרענדיג א קאמפף איינע געגען די אנדערע, האבען די קאפיטאליסטישע קלאסען פון אייראפא געפונען פאר נויטיג צו אפעלירען פאר שלום צו זייערע אייגענע ארבייטער אין יעדען לאנד. די ארבייטער פארטייען פון אייראפא, וואס האבען געשלאסען ציטווייליגען שלום מיט זייערע קלאסען-שונאים, האבען עס געטאן אלס א באזונדער, זעלבסטשטענדיגער צד און מיט געוויסע תנאים פאר זיך. די אמעריקאנישע ארבייטער האבען אבער קיינע תנאים ניט ארויסגעשטעלט. די פיהרער פון דער אמעריקאן פעדערעיישאן או לייבאר האבען קיינמאל ניט נעגלויבט, אז דער ארבייטער קלאס האט וועלכע עס איז אייגענע קלאסען אינטערעסען און עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט, אז אויך יעצט האבען זיי פשוט נ י ט געהאט קיינע ספעציעלע פאדערונגען צו מאכען פון אונזערע הערשענדע קלאסען.

נאר אויב די פ י ה ר ע ר פון דער אמעריקאן פעדעריישאן או לייבאר פ י ה ל ע ן ניט קיין פליכטען צו זייער קלאס און ווייסען ניט וועגען די האפנונגען פון די ארבייטער איבער דער גאנצער וועלט, איז עס נאך גאר ניט קיין סימן אז די ארבייטער מאסען גופא געפינען זיך אויך אין אזא האפנונגסלאזען צושטאנד. די לאגע פון דער פיהרערשאפט פון דער א. פ. א. ל. איז עהנליך צו דער לאגע פון יענעם שווערען שטיין פון דער פאבעל. דער שטיין איז געלעגען אין מענשליכען וועג, און איז געווען צו שווער מען זאל איהם קענען אוועקשליידערן פון זיין פלאץ וואו ער איז געלעגען און געשטערט די מענשליכע באוועגונג. האט מען א גרוב אויסגעגראבען גלייך נעבען שטיין און אונטער איהם און אין יענעם גרוב איז דער שטיין דורך זיין אייגענער משא אריינגעפאלען און דער וועג איז ריין און פריי געבליבען.

די סאציאליסטישע באוועגונג אין אמעריקא איז פאר די לעצטע יאהרען געווארען א ווירקליכע ארבייטער פארטיי און עס וועט קומען א צייט — מיר וועלען ניט ווענינ מוזען ווארטען דערפאר — ווען די פיהרערשאפט פון דער א. פ. א. ל. וועט זיך ארומקוקען אז זי שפארט זיך אן אויף בלויזע לופט און זי וועט מ ו ז ע ן זיך'א ריהר טאן.

גאנץ אנדערש פון דער קאנווענשאן פון דער א. פ. א. ל. זיינען דורכגעגאנגען די קאנווענשאנס פון די אידישע, אימיגראנטישע ארבייטער. דארט האט געהערשט ניט נור קאמפפסלוסטינקייט, ניט נור דער גייסט פון האפנונג, נור אויך ז י כ ע ר ק י י ט אין דעם ענדליכען זיעג פון דעם ארבייטער קלאס. די אידישע ארבייטער האבען מיט זיך געבראכט קיין אמעריקא די הייליגע טראדיציעס פון דער ס א צ י א ל י ס ט י ש ע ר ארבייטער באוועגונג אין אייראפא און די טראדיציעס זיינען דא אין זייער טאג-טעגליכען קאמפף באלעבט און פארשטארקט געווארען. אין יעדער רעזאלוציע וואס די צוויי קאנווענשאנס האבען אנגענומען האט זיך געפיהלט די טיעפע ברידער-און-קלאסען אייניגקייט וואס עס הערשט צווישען די ארבייטער פון אלע לענדער. די הונדערטע טויזענדע אידישע ארבייטער אויף דעם זייט פון דעם אטלאנטישען ים האבען קלאהר און אפען ערקלעהרט אז זיי זיינען פאראייניגט אין זייער גייסט און אין זייערע אידעאלען מיט די מיליאנען ארבייטער פון אלע לענדער אויף דעם אנדערען זייט פונ'ם ים. די אינטערנעשיאנאל לײדיס גארמענט וואירקערס און די אמאלגאמייטעד האבען ביידע גערעדט אין דער זעלבער שפראך. דאס איז ניט געווען די שפראך פון זייערע אייגענע, באזונדערע „ביזנעס". דאס זיינען געווען די ווערטער פון דעם ארבייטער קלאס, וועלכע קלינגען יעצט איבער דער גאנצער וועלט, וועלכע שפארען זיך דורך צו די מוחות פון די ארבייטער אומעטום ניט קוקענדיג אויף אלע שטערענישען. די ארבייטער אידען און ארבייטער אימיגראנטען, וועגען וועלכע די פיהרער פון דער א. פ. א. ל. זיינען אין ספק צו זיי קענען זיך „דערהויבען" צו דעם אמעריקאנער „סטאנדארד" קענען שטאלץ זאגען, נאך אן איבערבליק פון דער ארבייט פון די דריי קאנווענשאנס: אונזער „סטענדארד" איז ניט נור ניט נידריגער פון דעם יעצטיגען מענשליכען שטאנד אין וועלכען עס איז לאנד; ער איז העכער פון דאס: ער איז אזוי הויך ווי דער אלמענשליכער גייסט פון דער וועלט; ער דערגרייכט צו דער הויך פון די גרעסטע האפנונגען פון דער מענשהייט. אונזער סטאנדארד איז דער אידעאל פון דעם אלוועלטליכען ארבייטער קלאס.

---

פריינדשאפט, ווען דו ביזט אהן א מאסקע, ביזטו עהרליך און הערליך — מיט א מאסקע, העסליך און געפעהרליך...

* * *

אלעס האלט זיך אין בייטען און אין ענדערען, אויסער דער געזעץ פון ענדערען. אלעס איז אין פראצעס פון עוואלוציע, אויסער דער רעוואלוציע.

* * *

עמערסאן האט אמאל געזאגט, דאס יעדער מענש איז א קאנסומער (א געברויכער פון זאכען) און דארף אויך זיין א פראדוצירער. מיר ווועלען נאך אויך צולעגען דאס פארקערטע, דאס יעדער פראדוצירער דארף אויך זיין א קאנסומער — אין פולען זינען פון ווארט...

* * *

אין דיזען קאמף צווישען די שטארקע און די שוואכע, צווישען אייגענטום און ארבייטערשאפט — דארף זיך דער שטאאט שטעלען אויף דער זייט פון די אונטערדריקטע. ‡ נעקער.

* * *

יעדער דאלאר פאר'ן מיליאן-דאלאר פאנד פון סאציאליסטישען קאמפיין, מיינט געגנוג ליטעראטור אויפצוקלערען דריי אונוויסענדע מענשען אין די גערעכטיגקייט פון אונזערע פרינציפען.

* * *

אלס מעמבער פון ארבייטער רינג ביזטו נישט נור א מעמבער אין א זיכערע פארזיכערונגס געזעלשאפט, נור אויך פון אן אנגענומענער בילדונגס-געזעלשאפט, וואס פארשפרייט יעהרליך צעהנדליגע טויזענדער גוטע ביכער און ארום דריי פערטעל מיליאן קאפיעס פון איהר זשורנאל.

* * *

זיבעציג טויזענד מעמבערס צום נעקסטען יאהר. מיר קאנען עס ערדרייכען מיט אייער הילפע.

* * *

זאלען מיר טיעף אריינגעמען די צוויי גרויסע ציפערען אין קאפ: זיבעציג טויזענד מעמבערס אין ארבייטער רינג ביז דער 1919 קאנווענשאן און א מיליאן דאלאר פאר-דער סאציאליסטישער פארטיי ביז'ן קאמפיין!

* * *

ר ע ג י ע ר ו נ ג איז נישט קיין שכל, נישט קיין מליצה — עס איז מ א כ ט! אזוי ווי פייער איז עס א געפעהרליכער דינער און פירכטערליכער שרה. מיר טארען עס קיין מאל נישט לאזען אין אונפאראנטוואָרטליכע הענד. — דזשארדזש וואשינגטאן.

* * *

דענקסטו נישט, דאס דיין פרוי איז א פאסענדער מעמבער פאר'ן ארבייטער רינג? פארוואס זאל זי אויך ניט האבען דעם כבוד? רעד זיך דורך מיט איהר. און זי וועט מיט פארגעניגען אויסמאכען דעם אפליקיישאן.

* * *

איז ביי אייך אין שטאדט פאראן א קאאפעראטיווע? אויב נ י י ן, טו נעמט זיך צו דער ארבייט.

* * *

וואו איהר געהט און וואו איהר שטעהט, רעדט פון מיליאן-דאלאר-פאנד — און בלייבט ניט ביים רעדען אליין...

# זיצונגען פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע א. ר.

דער רעגולער מאָנאַטליכער מיטינג פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע ווערט אָפּגעהאַלטען מיטוואָך אבענד, דעם 5טען יוני, מיט פר. אב. עפּשטיין אַלס טשערמאָן.

צ ו ש ר י פ ט ע ן — פון בר. 47, עליזאַבעטה, נ. דזש., — ווי באַדאַנקען הערצליך דער עקזעקוטיוו קאָמיטע פאַר שיקען א פאַרטרעטער צו דער ערעפענונג פון זייער סעמעטערי, באַזונדערס באַראַנקען זיי פר. יעלין, וועלכער איז געוועזן דאָרט פאַרטראָטען און האָט דורך זיין וואַרימען אפּיעל געהאָלפען שאַפען א געוויסע סומע פאַר דער סעמעטערי.

* * *

פון פר. מאַלאַט און יאַקאָבי, מעמבערס פון דער פריהערי־גער עקזעקוטיווע — בעריכטען, אַז זיי זיינען געוועזן פאַרטראָטען אין בעיאָן ביים „פאַרברענען דעם מאָרטגיידזש פון לייבאָר לייסעאום". אויף זייער אַפּיעל איז אויפ'ן פּלאַץ געשאַפען געוואָרען $50.38 פאַר'ן לייבאָר לייסעאום.

* * *

פון פר. ז. שפּייער, פון בר. 75 — שרייבט פון קליוולאַנד, אַז ער האָט זיך דערוואוסט דורכ'ן „פאָרווערטס", דאָס ער איז ערוועהלט געוואָרען אין דער עקזעקוטיוו פאַר'ן יאָהר 1918-19. ליידער האָט ער ניט געקענט זיין ביי דער אינסטאָלליישאָן און וועט ערשט קענען קומען אין ניו יארק ארום ענדע פון דעם מאָנאַט. ער בעט ניט אויסצושליסען איהם דערווייל פאַר דער קורצער אבוועזענהייט. — בעשלאָסען זיין אבוועזענהייט צו ענטשולדיגען.

* * *

פון סעמעטערי דעפּאַרטמענט — ערקלערען, אַז ברענטשעס, אין וועלכע עס זיינען געדרעפּטעט געוואָרען מעמבערס, בעטען צו געבען זיי קרעדיט פאַר דעם פיונעראַל טעקס וואָס די מעמבערס צאָהלען. דער סעמעטערי דעפּאַרטמענט פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל אויסצאָהלען פאַר דיזע קרעדיטס פון דעם אַלגעמיינעם 10 סענט טעקס, וואָס איז יעצט ארויפגעלעגט געוואָרען אויף די מעמבערס פאַר א פאָנד צו דעקען די דיוס פון די געדרעפּטעטע. — בעשלאָסען איבערגעבען דער פיונעראַל קאָמיטע צו האַנדלען וועגען דעם און אונז צושטעלען דעם באַשלוס אָדער דעקאָמענדיישאָן.

—

פר. יעלין בעריכטעט, אַז ער איז געוועזן פאַרטראָטען ביי בר. 47, עליזאַבעטה, נ. רזש., ביי דער ערעפענונג פון זייער סעמעטערי. עס איז געוועזן פאַרזאַמעלט א גאַנץ היבשער עולם און ער האָט זיי אַדרעסירט אין נאָמען פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע. אויף זיין אַפּיעל איז געשאַפען געוואָרען א געוויסע סומע פאַר דער סעמעטערי. בעריכט ווערט גוטגעהייסען.

—

פר. נ. פריימאַן בעריכטעט, אַז ער איז געוועזן פאַרטראָטען ביי בר. 198, האָבאָקען, נ. דזש., זונטאג, דעם 26טען מאַי, ווען דער ברענטש האָט געפייערט זיין 10טען יעהרליבען יובילעאום. בר. 198 איז איינער פון די טעטיגסטע ברענטשעס ניט בלויז אין זייער שטעדטעל, נאָר אויך אין גאַנצען סטייט. ווי רופען זיך אָפּ אויף יעדע געזעלשאַפטליכע ערשיינונג און לאָזען אומעטום הערען זייער שטימע. דער ברענטש איז בכלל א לעבעדיגער און טעטיגער. ביים באַנקעט וואָס איז צוליעב דער געלעגענהייט אראַנזשירט געוואָרען, זיינען אַנוועזענד געווען כמעט אַלע מיטגליעדער מיט זייערע פאַמיליען, און דאָס האָט טאַקע געמאַכט דעם איינדרוק פון א שעהנעם פאַמיליען יום־טוב. עס זיינען געוועזן פאָרשטעהער פון אַלע אָרטיגע ברענטשעס. לכבוד דעם יובילעאום איז אויך דורכגעפיהרט געוואָרען א פראַבטפּולער קאָנצערט און קינדער פון ארבייטער דינג מיטגליעדער האָבען מוזיקאַליש אונטערהאַלטען דאָס פּובליקום. די שעהנסטע זייט פון יובילעאום פון ברענטש איז דאָס, וואָס זיי האָבען ביים באַנקעט געשאַפען 102 דאָלאַר פאַר די אידישע מלחמה קרבנות. — בעריבט ווערט גוטגעהייסען.

—

פר. עפּשטיין בעריכטעט, אַז ער איז געוועזן פערטראָטען ביי דער אינסטאָלליישאָן פון דעם א. ר. אָרקעסטער אַלס ברענטש. די אינסטאָלליישאָן איז ניט געוועזן גוט באַזובט, ווארשיינליך צוליעב דעם וואָס אַלעס איז אין איילעניש אַראַנזשירט געוואָרען. דער אָרקעסטער האָט געשפּיעלט אייניגע קלאַסישע נומערען, וואָס זיינען באַגעגענט געוואָרען מיט שטאַרקע אַפּלאָדיסמענטען. ער גלויבט, אַז די סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע פון ניו יאָרק דאַרף האָבען די אויפזיבט אַ געוויסע צייט אויף דעם ברענטש און זעהן, אַז ער זאָל זיך ענטוויקלען און פאַרשטאַרקען. ביי דער אינסטאָלליישאָן זיינען אויך געוועזן פאַרטראָטען פריינדע צביון, ביילין און אויך פּערעלשטיין און הערמאַן פון דער סיטי אָרג. קאָמיטע.

פר. עפּשטיין בעריבטעט אויך, אַז ער איז געוועזן פאַרטראָטען ביי דער פּיפּעלס רעליעף קאָנווענשאָן אין קליוולאַנד. די קאָנווענשאָן האָט באַשלאָסען צו דעמאָקראַטיזירען די פאַרוואַלטונג פון דער קערפּערשאַפט. אנשטאַט א פאַרוואַלטונג פון 110, ווי עס איז געוועזן פריהער, זאָלען זיין דעליגירטע פון אַלע נאַציאָנאַלע קערפּערשאַפטען. אויב א פאַרוואַלטער וועט ניט ערפילען זיינע פליכטען, וועט די אָרגאַניזאַציאָן וועמען ער פאַרטרעט, אויפגעפאָדערט ווערען צו ערוועהלן אַ צווייטען אויף זיין פּלאַץ. ביי דער קאָנווענשאָן איז באַריבטעט געוואָרען, אַז די אויסגאַבען האָבען דיזען יאָהר באַטראָפען ארום 4-5 פּראָצענט פון דער געזאַמעלטער סומע, ווען לעצטען יאָהר זיינען די אויסגאַבען געווען 10-11 פּראָצענט. עס איז באַשלאָסען געוואָרען צו שאַפען א קאָנסטרוקטיווען פאָנד אויף אויפבויען די חרבות פון אידישען פאָלק נאָך דער מלחמה, ווייל די הילף נאָך דער מלחמה וועט זיין ניט וועניגער וויבטיג, ווי די מאָמענטאַנע שטיצע. א באַשלוס איז אויך געפאַסט געוואָרען, אַז די פּיפּעלס רעליעף קאָמיטע און אַלע אַנדערע געהילפס אָרגאַניזאַציאָנען זאָלען בלייבען זעלבסטשטענדיגע קערפּערשאַפטען און ניט פאַראייניגען זיך מיט דער „וואָר טשעסט". די קאָנווענשאָן האָט באַשטימט צו פאָדערען ביי דער דזשאָינט דיסטריביושאָן קאָמיטע, אַז די געלדער פון פּיפּעלס רעליעף זאָלען געהן פאַר הילף פון די יתומים פון די אידישע מלחמה קרבנות. די אדמיניסטריישאָן קאָמיטע איז אינסטרואירט געוואָרען צו זעהן, אויב עס קען עטוואָס געטון ווערען אָנצופיהרען אַ קולטורעלע טעטיגקייט צווישען די אידישע סאָלדאַטען אין די קעמפּס, אַ טעטיגקייט וואָס זאָל טראָגען א דעמאָקראַטישען כאַראַקטער. ער ערקלערט, אַז די קאָנווענשאָן האָט געמאַבט אויף איהם זעהר א גוטען איינדרוק, די פאַרהאַנדלונגען זיינען געפיהרט געוואָרען אין אַ האַרמאָנישען גייסט און עס איז געוועזן קענטיג, אַז אַלע דעלעגאַטען זיינען געוועזן בעזעעלט מיט איין געדאַנק, צו העלפען וואָס מעהר די מלחמה ליידענדע. דער ארבייטער רינג האָט געקראָגען קרעדיט פאַר זיין ארבייט און איז אוועקגעשטעלט געוואָרען דער ערשטער אויפ'ן ליסט פון אָרגאַניזאַציאָנען, וואָס האָבען געאַרבייט פאַר'ן רעליעף. פר. עפּשטיין האָט פאַרשפּראָבען ביי דער קאָנווענשאָן, אַז דער ארבייטער רינג וועט אויך דיזען יאָהר זעהן שאַפען א פּאַסענדע סומע פאַר אונזערע מלחמה קרבנות. ער גיט צו, אַז דער ארבייטער רינג וועט זיין בערעבטיגט צו האָבען 5 פאַרטרעטער אין דער פאַרוואַלטונג פון פּיפּעלס רעליעף. — דער באַריבט פון פר. עפּשטיין ווערט גוטגעהייסען.

—

אַלס פאַרטרעטער פון דער פאַרוואַלטונג פון פּיפּעלס רעליעף ווערען ערוועהלט פריינדע דינערשטיין, פריימאַן, אַדלער, דזש. ראָטהמאַן און גערשאנאָף.

—

דער טשערמאַן בעט צו בעעהרען דעם פאַרשטאָרבענעם גענ. פּלעכאַנאָף מיט אויפהויבען זיך פון די פּלעצער.

## דזשענעראל סעקרעטער'ס רעפּאָרט.

פר. י. באסקין באריכטעט, אז דער צושטאנד פון די פארשיעדענע פּאָנדס איז ווי פאָלגט:

דער רעזערוו פאָנד האָט א סורפּלאָס פון $195,481.40

דער מאָרטשוערי פאָנד האָט א סורפּלאָס פון $94,904.46.

דער קראנקען בענעפיט פאָנד פערמאָגט א סורפּלאָס פון $62,733.35.

דער קאָנסאָמפּשאָן בענעפיט פאָנד האָט א סורפּלאָס פון $43,727.04.

דער אדמיניסטריישאָן פאָנד האָט א סורפּלאָס פון $9,995.83.

דער „פריינד" פאָנד פערמאָגט א סורפּלאָס פון $4,016.60.

דער קאָנוועגשאָן פאָנד האָט א סורפּלאָס פון $2,943.09.

דער עדיוקיישאָנאל פאָנד האָט א דעפיציט פון $737.74.

דער סאניטאריום בילדינג פאָנד האָט א סורפּלאָס פון $10,303.88.

דער סאַניטאריום אויפהאַלטונגס פּאָנד האָט א סורפּלאָס פון $2,136.13.

דער פאָנד פאר די געדרעפּטעטע מעמבערם, קאָלעקטירט אין 71טען קוואַרטאַל, בעטרעפט $5,353.00.

באָנדס האָט דער אַרבייטער רינג אויף דער ווערטה פון $770,000.

לויט די רעפּאָרטס וואָס די ברענטשעס האָבען ביז יעצט צוגעשיקט האָבען מיר ארום 800 געדרעפטעטע מעמבערם.

ער בעט אויסצוטייטשען ווי צו האַנדלען אין בעצוג דעם רעפערענדום וועגען דעקען די דיוס פון די געדרעפטעטע. דער ספּעשעל רעפערענדום לעזט זיך, אז אלע די וואָס זיינען זעקס מאָנאַטען אָדער מעהר מעמבערם פון ארבייטער רינג, זיינען באַרעכטיגט, אין פאל זיי ווערען געדרעפטעט, אז זייערע דיוס זאָלען גערעקט ווערען פון דעם ספּעציעלען 10 סענט טעקס. עס פרעגט זיך, אויב איינער ווערט געדרעפּטעט, ווען ער איז וועניגער ווי זעקס מאָנאַטען א מיטגליעד פון א. ר., צי ער איז באַרעכטיגט, אז זיינע דיוס זאָלען גערעקט ווערען נאָכדעם ווי ער איז שוין זעקס מאָנאַטען אַ מעמבער. ווי זאָל מען האנדלען וועגען אזעלכע, וואָס האָבען זיך אליין ענליסטעט, אָדער אָנגעשלאָסען אין אידישען לעגיאָן?

פר. באסקין ערקלערט, אז לויט דעם לעצטען רעפּאָרט פון מר. עלדרידזש, דעם עקטשוערי, איז אונזער יעצטיגער וועליוּאיישאָן 99.84 פּראָצענט פון דער גאנצער אינשורענס.

פיעלע סטייטס פּאָדערען אונזער וועליואיישאָן רעפּאָרט און אויך אַ באריכט פון אוידיטינג פון אונזערע ביכער, וואָס זאָל געמאכט ווערען פון פאַרטרעטער פון ניו יארק אינשורענס קאָמישאָנער. אזוי שנעל ווי די רעפּאָרטס וועלען צו די אינשורענס קאָמישאָנערס ארויסגעשיקט ווערען, וועט מען דארפען ענערגיש אָנפאנגען ארבייטען צו לעגאליזירען דעם אַרבייטער רינג אין די פארשיעדענע סטייטס. מאיר לאָנדאָן, אונזער ליגעל אדוויזער, איז לעצטע וואָך געווען אין אָפיס און האָט פארשפּראָכען צו קומען אין אָפיס איין מאָל א וואָך. פר. באַסקין דענקט, אז פריהער פון אלץ וועט מען זיך דארפען אָנשטרענגען אין יענע סטייטס, וואו מיר האָבען א גרעסערע צאָהל מעמבערם.

—

עס ווערט באשלאָסען, אז נאָכדעם ווי איינער איז זעקס מאָנאטען א מעמבער פון ארבייטער רינג איז ער באַרעכטיגט, אז זיינע דיוס זאָלען גערעקט ווערען פון דעם ספּעשעל 10 סענט טעקס, אויב ער איז געדרעפּטעט, זאָגאר ווען ער איז געדרעפטעט געוואָרען איידער ער איז געוועזן זעקס מאָנאַטען א מעמבער. דער באשלוס זאָל אויך אָנגעווענדעט ווערען אויף די וואָס האָבען זיך אליין ענליסטעט אדער אָנגעשלאָסען אָן דעם אידישען לעגיאָן.

---

## לעגאל קאָמיטע.

עס ווערט באשלאָסען צו ערוועהלען א לעגאל קאָמיטע פון פינף וואָס זאָל האָבען „פול פּאַוער" אויף אזויפיעל, אויף וויפיעל איהרע באשליסע וועלען ניט אָנריהרען די גרונד־פּרינציפּען פון ארבייטער רינג.

אין דער קאָמיטע ווערען ערוועהלט פריינדע וויינבערג, עפּשטיין, צביון, דינערשטיין און פריימאַן.

* * *

עס ווערט באשלאָסען, אז דער נעקסטער צוזאַמענפאָהר פון דער ניישאָנאל באָארד אָוו דירעקטאָרען זאָל אָפּגעהאלטען ווערען דעם 5טען, 6ען און 7טען דזשולײַ. עס ווערט באשטימט צו האָבען מיט זיי א דזשאָינט מיטינג.

—

פר. צוקער בעט צו ערלויבען דער אדמיניסטריישאָן קאָמיטע פון פּיפּעלס רעליעף צו מיטען יעדען 1טען און 3טען דאָנערשטאג אין אונזער עקזעקוטיוו רום. — באשלאָסען צו באוויליגען זייער פארלאנג מיט דער פארשטענדניס, אז זיי זאָלען זעהן פארטיג ווערען ארום 6 אוהר אבענד, ווייל דאַן פאַנגען אָן מיטען מאַנכע דעפּארטמענט קאָמיטעס פון דער עקזעקוטיווע.

---

## רעפּאָרט פון דער בענעפיט קאָמיטע.

פר. גאָלדינג באריכטעט פאר דער בענעפיט קאָמיטע. ער מעלדעט, אז דר. ראָזענסאָן, וועלכער איז געוועזן איינער פון די עלטסטע דיסטריקט מעדיקאל עקזאַמינערס אין בראָנזוויל, איז געשטאָרבען. די קאָמיטע האָט געשיקט א פארטרעטער מיט א בוקעט בלומען צו זיין לויה. זיי האָבען אויך באשלאָסען צו פארעפענטליכען אין „פאָרווערטס" א טרויער רעזאָלוציאָן נאָך דעם פארשטארבענעם.

די בענעפיט קאָמיטע האָט נאָכאמאָל' פארהאנדעלט מיט די דיסטריקט עקזאמינערס די פראגע וועגען אונטערזוכען נייע קאנדידאטען ביי זיך אין אָפיס אם וועניגסטענס איין מאָל א וואך צו 50 סענט. בלויז דר. נאטאָנזאָן און דר. שולץ פון בראָנזוויל, און דר. ראבינסאָן פון בראָנקס האָבען איינגעוויליגט דערויף. די איבעריגע מעדיקאל עקזאמינערס האָבען זיך ענטזאגט אָנצונעהמען די בעדינגונגען. די בענעפיט קאָמיטע האָט געשלאָסען מיט די דאָקטוירים פאָלגענדען אָפּמאַך: אין דזשענעראל אָפיס זאָלען נייע קאנדידאטען אונטערזוכט ווערען צו 50 סענט צוויי מאָל א וואָך — מאָנטאג און פרייטאג, פון 8 אוהר אבענד; אין די אָפיסעס פון נאָטאנזאן, דר. שולץ, אין בראָנזוויל, און פון דר. ראבינסאָן פון בראָנקס איין מאָל א וואָך צו 50 סענט. (דער אבענד פאר די דריי דאָקטוירים, ווען זיי וועלען אונטערזוכען נייע קאנדידאטען צו 50 סענט, וועט שפּעטער אנאָנסירט ווערען.)

נאָך א קורצער דעבאטע ווערט דער רעפּאָרט פון דער בענעפיט קאָמיטע גוט־געהייסען. די נאציאנאלע עקזעקוטיווע בעאויפטראגט די קאָמיטע צו זעהן אונבאדינגט, אז די דיסטריקט מעדיקאל עקזאמינערס וואס זיינען אפּוינטעט געוואָרען צו קומען צוויי מאָל א וואָך אין אָפיס און אונטערזוכען נייע קאנדידאטען צו 50 סענט, אז די דאָקטוירים זאָלען קומען אין צייט.

* * *

עס ווערט באשלאָסען צו האָבען א פאָרטזעצונג פון דעם מיטינג מיטוואך אבענד, דעם 15טען ד. מ.

א פאָרטזעצונג פון דעם מיטינג פון דער נאציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע ווערט אָפּגעהאַלטען מיטוואָך אבענד, דעם 12טען יוני, מיט פר. אב. עפּשטיין אלס טשערמאָן.

צ ו ש ר י פ ט — פון דער פעדעראציע פון די אידישע קאָאָפּעראטיוועז — לאַדען איין צו זיין פערטראָטען ביי דער קאָנפערענץ וואָס וועט אָפּגעהאלטען ווערען דעם 29טען און 30טען יוני אין ‏‏פּעטערסאָן, נ' דזש. — עס ווערט בעשלאָסען צו שיקען צוויי דעלעגאטען. ערוועהלט פריינדע ר. זאלצמאן און ס. יעלין.

—

פר. צוקער ערקלערט, אז ער איז געווען ביי דער לויה פון גענ. נ. כטופניקער און האָט ביים קבר גערעדט עטליכע ווערטער אין נאָמען פון דער עקזעקוטיווע פון א. ר.

---

## רעפּאָרט פון דער עדיוקיישאָנאל קאָמיטע.

פר. צביון בעריכטעט, אז די ניי־ערוועהלטע עדיוקיישאָנאל קאָמיטע איז אינסטאָלירט געוואָרען מיטוואָך אבענד, דעם 29־טען מאַי. ער (צביון) איז ערוועהלט געוואָרען אלס טשערמאן און פר. ר. זאלצמאַן אלס וויים־טשערמאָן.

ער ערקלערט, אז די אויסגאבע פון די נייע 7 ביכער איז א גרויסער ערפאלג. אין אפיס זיינען שוין יעצט דא ארדערס אויף העכער 3,000 סעטס. דער פרייז איז פון 1טען דזשון געהעכערט געווארען אויף $2 א סעט.

די עדויקיישאנאל קאמיטע האט באשלאסען אפצוקויפען 2000 עקזעמפלארען פון דעם יובילעאום בוך וועגען קארל מארקס, וואס איז ארויסגעגעבען געווארען פון די פעראייניגטע אידישע ארבייטער ארגאניזאציאנען. די קאמיטע וועט קריגען די ביכער אויף קאסט פרייז און די מעמבערס פון ארבייטער רינג וועלען אויף אזא אופן האבען א געלעגענהייט צו קויפען דעם ווערטפולען בוך פאר ארום 45 סענט א שטיק.

א קאמיטע פון דער פעטערסאנער אידישער קינדער שוהלע האט זיך צו זיי געווענדעט, אז אין דער נעקסטער אויסגאבע זאל אריינגעהן א אידישער טעקסט בוך פאר די אידישע סאציאליסטישע קינדער שוהלען. דער פערטרעטער פון דער פעטערסאנער קינדער שוהלע האט אנגעדייטעט, אז אויף'ן אידישען ביכער מארק זיינען דא דריי אזעלכע טעקסט ביכער, אבער פון די איז בלויז דא איינער מיט וועלכען די אידישע סאציאליסטישע שוהלען קענען זיך באנוצען. די קאמיטע פון פעטערסאן האט אויך אפעלירט, אז אין יעדען נומער פון „פריינד" זאלען געדרוקט ווערען מעשה'לעך פאר קינדער, וואס וועט העלפען מאכען דעם זשורנאל אנציהענד פאר די פאמיליעס פון די ארבייטער רינג מעמבערס. אויך איז אויסגעדריקט געווארען א פארלאנג, אז די עדויקיישאנאל קאמיטע זאל פעררופען א קאנפערענץ פאר דעם צוועק אויסצוארבייטען א סיסטעם ווי צו שאפען פאסענדע לעהרע פאר די ראדיקאלע און סאציאליסטישע אידישע קינדער שוהלען. די עדויקיישאנאל קאמיטע האט באשטימט צו נעהמען אין אנבעטראכט זייער פארלאנג. די פראגע וועגען פעררופען א קאנפערענץ האט די עדויקיישאנאל קאמיטע באשלאסען אויפצונעהמען, ווען עס וועט דורכגעהן דעם רעפערענדום אין בעצוג דעם טעקס פאר א. ר. קינדער שוהלען.

די קאמיטע האט באוויליגט א געוויסען מאנאטליכען בודזשעט אויף ארטיקלען פאר'ן „פריינד", כדי צו מאכען דעם זשורנאל אינהאלטסרייכער און אינטערעסאנטער.

דער מאנדאלין ארקעסטער האט ארום 25 מעמבערס. די גרעסטע טייל פון זיי וועט זיך אנשליסען אלס מיטגליעדער פון א. ר. ארקעסטער.

די קאמיטע האלט יעצט אין צוגרייטען ביכער פאר דער נעקסטער אויסגאבע.

דעם לעצטען נומער פון „פריינד" איז באשלאסען געווארען צו מאכען א דאבעלען — פאר דזשון־דזשולייו — אום צו האבען גענוג צייט אויף צו קארעגירען די אדרעסען אין „פריינד" דעפארטמענט.

פר. צביון ערקלערט, אז א פארטרעטער פון דער סאציאליסטישער פארטיי האט זיך צו זיי געווענדעט צו אינדארסירען א צושריפט צו די א. ר. ברענטשעס אין בעצוג דעם מיליאן דאלאר קאמפיין. די עדויקיישאנאל קאמיטע רעקאמענדירט צו געבען די אינדארסמענט.

—

די ארגאניזאציאנס קאמיטע מעלדעט, אז זי האט אויך א געוויסען בעשלוס אין בעצוג דעם מיליאן דאלאר פאנד, און עס ווערט באשלאסען צו האנדלען וועגען דעם פונקט נאכ'ן רעפארט פון דער ארגאניזאציאנס קאמיטע.

מיט דער אויסנאהם פון דעם פונקט ווערט דער בעריכט פון דער עדויקיישאנאל קאמיטע גוטגעהייסען.

## רעפארט פון דער ארגאניזאציאנס קאמיטע.

פר. דינערשטיין בעריכטעט, אז די ניי־ערוועהלטע ארגאניזאציאנס־קאמיטע איז אינסטאלירט געווארען מאנטאג אבענד, דעם 27טען מאי. ער (דינערשטיין) איז ערוועהלט געווארען אלס טשערמאן און פר. מ. גערשאנאף אלס וויים־טשערמאן.

פר. דינערשטיין ערקלערט, אז דער נייישאנאל באארד און דירעקטאר פון מעין סטייט, פר. קינבורן, האט רעזיגנירט און עס איז באשטימט געווארען, אז די נאמינייישאן פאר א צווייטען דירעקטאר אויף זיין פלאץ זאל געמאכט ווערען דורך קארעספאנדענץ. די ברענטשעס פון מעין סטייט האבען אויסגעדריקט א פארלאנג, אז די נאמינייישאן זאל געמאכט ווערען ביי א ספעציעלער קאנפערענץ פעררופען פאר דעם צוועק אדער ביי דער יעהרליכער קאנפערענץ פון דער דארטיגער דיסטריקט קאמיטע. עס איז באשטימט געווארען צו באוויליגען זייער פארלאנג און די נאמינייישאן זאל געמאכט ווערען ביי דער יעהרליכער דיסטריקט קאנפערענץ.

די ארגאניזאציאנס קאמיטע האט באשלאסען, אז דיזען יאהר זאל אנגעפיהרט ווערען א קאמפיין פאר 70,000 מעמבערס. ער דייטעט אן, אז אין דער צייט, ווען אלע גרעסערע ארדענס האבען לעצטען יאהר פארלארען מעמבערס, האט דער ארב. רינג באוויזען, אז ניט נאר האט ער קיין מעמבערס ניט פארלארען, נאר ער האט נאך געהאט א נעט געווינס פון אנגעפעהר טויזענד מיטגליעדער. עס איז דארום קיין צווייפעל ניט, אז אויב אונזערע ברענטשעס און אונזער מיטגליעדערשאפט זאל אנפיהרען א קאמפיין פאר 70,000 מעמבערס, וועט די ארבייט זיין געקרוינט מיט ערפאלג. א ספעציעלער קאמפיין זאל אנגעפיהרט ווערען צו זעהן קריגען אס ווייניגסטען 3000 פרויען מעמבערס.

פר. עפשטיין איז געווען פארטראטען אין באסטאן ביים מיטינג אראנזשירט צוזאמען מיט'ן לייבאר ליגע. עס איז דאמאלס געפייערט געווארען פון באסטאן לייבאר ליגע ברענטש דאס אריינגנעהמען פון 300־טען מעמבער. עס איז געגעבען געווארען א שעהנער קאנצערט און ליטעראַרישער אבענד. ער האט גערעדט וועגען דער צוקונפט פון ארבייטער רינג אין מאסאטשוזעטס סטייט. אויסער איהם האבען אויך גערעדט פריינדע יאנאס און באקסט. פר. עפשטיין האט אויך אדרעסירט א גוט באזוכטען מיטינג אין לין, מאסאטשוזעטס.

ער (דינערשטיין) האט אדרעסירט צוויי מיטינגען אין סיילעם און אין קווינסי, מאסאטשוזעטס. ביידע מיטינגען זיינען אראנזשירט געווארען צוזאמען מיט'ן לייבאר ליגע און זיינען געווען גוט באזוכט. ער האט געקראגען דארט זעהר א ווארימע און פריינדליכע אויפנאהמע.

פר. זאלצמאן איז געווען פארטראטען ביי א מיטינג אין דזשווירזי סיטי. צוליעב דער גרויסער היץ וואס איז געראדע יענעם טאג געווען איז דער מיטינג געווען שוואך באזוכט. ער האט זיך דורכגערעדט מיט די מעמבערס וועגען דעם קאמפיין פאר 70,000 מיטגליעדער און זיי האבען פערשפראכען פארטצוזעצען די ארגאניזאציאנס ארבייט. זיי האבען פארלויפיג אריינגענומען 15 נייע מעמבערס.

זיי האבען באוויליגט $50 פאר דער עדויקיישאנאל קאמיטע צו דעקען א טייל פון די אויסגאבען אויף ארגאניזירען דעם ארקעסטער אלס ברענטש פון א. ר.

די ארגאניזאציאנס קאמיטע האט באשלאסען רעקאמענדירען צו דער עקזעקוטיווע צו רעקאמענדירען, אז מיר זאלען אנפיהרען א זעלבסטשטענדיגען קאמפיין צווישען די ברענטשעס און מעמבערס פון א. ר. צו העלפען שאפען דעם מיליאן דאלאר פאנד פאר ברייטע סאציאליסטישע פראפאגאנדא.

דער בעריכט ווערט גוטגעהייסען.

—

עס ווערט באשלאסען צו ערוועהלען א קאמיטע, וואס זאל אויסארבייטען און אנפיהרען דעם קאמפיין צו העלפען שאפען דעם מיליאן דאלאר פאנד.

אין דער קאמיטע ווערען ערוועהלט פריינדע עפשטיין, צוקער, יודיץ און סילווערמאן.

עס ווערט פארשטאנען, אז די קאמיטע קען צוציהען באד דער ארבייט וועמען זי געפינט פאר פאסענד.

די זעלבע קאמיטע ווערט באאויפטראגט אויסצוארבייטען פלענער און אנפיהרען שפעטער א קאמפיין פאר'ן רעליעף פאנד.

## רעפארט פון דער סאניטאריום קאמיטע.

פר. אדלער בעריכטעט, אז די ניי־ערוועהלטע סאניטאריום קאמיטע איז אינסטאלירט געווארען מאנטאג אבענד, דעם 27־טען מאי. פר. ר. גוסקין איז ערוועהלט געווארען אלס טשערמאן און ער (אדלער) אלס סעקרעטער.

דר. היבש, דער אסיסטענטע דאקטאר, האט זיך אויסגע־

לינקט א האנד דורך אן עקסידענט און האָט געדאַרפט קומען אויף עטליכע וואכען קיין ניו יארק זיך קורירען.

אייניגע אַנגעשטעלטע זיינען אוועקגעגאנגען און די מייטראָן איז געקומען אין ניו־יארק צו קריגען אנדערע אויף זייערע פּלעצער.

עס ווערען גענומען עסטימייטס פאר א קאטעדזש וואס זאָל דיענען אלס וואוינונג פאר׳ן מעדיקאל דירעקטאָר פון סאַניטאריום. די פּלאָמבינג, סטיעם־פּיטינג און עלעקטריק ארבייט וועט געמאכט ווערען פון די אַנגעשטעלטע אין סאַניטאריום און עס וועט דאדורך קענען געשפּאָרט ווערען עטליכע הונדערט דאָלאר.

דר. ראזענבערג, דער מעדיקאל דירעקטאָר פון סאַניטאריום, איז די לעצטע עטליכע טעג געווען אין באָסטאָן ביי א קאָנווענשאָן פון סאַניטאריום דאָקטוירים.

עס זיינען געאָרדערט געווארען 2000 טאָן קויהלען.

אלע אראנדזשמענטס ווערען געמאכט פאר דעם גרויסען קאָנצערט וואס וועט געגעבען ווערען אויף די גראונדס פון אונזער סאַניטאריום. דער קאָנצערט וועט שטאטפינדען זונטאג נאָכמיטאג דעם 21טען דזשולי, און דער גאנצער פּראָפיט וועט געהן פאר דעם לאָס אנדזשעלעס סאַניטאריום, די שוועסטער־אינסטיטושאָן פון אונזער אנשטאלט.

פר. אדלער ערקלערט, אז אין סאַניטאריום זיינען יעצט דאָ 74 פּאציענטען. רעפּאָרט גוט געהייסען.

---

## רעפּאָרט פון דער גריוועַנס קאָמיטע.

פר. וויינבלאַט בעריכטעט, אז די ניי־ערוועהלטע גריוועַנס קאָמיטע איז אינסטאָלירט געווארען שבת אבענד, דעם 25טען מאי. ער (וויינבלאט) איז ערוועהלט געווארען אלס טשערמאַן און פר. ב. וואָלאָוויץ אלס וויים טשערמאַן.

א געוויסער מעמבער האָט אַפּעלירט געגען זיין ברענטש, וואס מאָנט פון איהם $21.50. דער אַפּעלאנט האָט איינמאָל איינגעצאָהלט אין ברענטש זיין דיוס מיט א טשעק אויף $21.50 וואָס ער האָט געקראגען פון באָס. מיט אייניגע טעג שפּעטער האָט דער ברענטש איהם געלאָזט וויסען, אז דער טשעק איז ניט גוט. דער באָס האָט איהם דאן געגעבען א דופּליקייט טשעק און געזאָגט, אז אויב מען וויל קען מען דעם פריהערדיגען טשעק דעפּאָזיטען. דער ברענטש האָט איינגעוויליגט צו דעפּאָזיטען דעם אלטען טשעק און ער האָט דעם דופּליקייט טשעק אומגעקעהרט צום באָס. אין פינף מאָנאטען ארום האָט דער ברענטש איהם ווידער געלאָזט וויסען, אז דער טשעק איז ניט גוט. דאָס איז געווען צוויי מאָנאטען נאָכדעם, ווי זיין באָס האָט באַנקראָטירט. אזוי ווי ער האָט דורך געג. פענקין, דעם לאָיער, געמאָנט פון באָס $48 פאר ווייִדזשעס, האָט ער געראָטען דעם ברענטש איבערצוגעבען אויך דעם טשעק צו געג. פענקין און מאָנען פון באָס די גאנצע סומע. דאָס האָט דער ברענטש פארנאכלעסיגט צו טאָן און נאָכהער האָבען זיי געמאָנט פון מעמבער די $21.50. דער אַפּעלאנט האָט אויך אַנגעדייטעט, אז די $48 האָט ער יא געקראגען אויסגעצאָהלט דורך קאורט, פאָלגליך האָט מען די $21.50 אויך געקענט אויפמאָנען, ווען ניט די נאכלעסיגקייט פון ברענטש. די גריוועַנס קאָמיטע, איינזעהענדיג, אז דאָס איז ווירקליך געווען מעהר די שולד פון ברענטש ווי פון מעמבער, האָט באַשלאָסען דעם אַפּיעל גוטצוהייסען און באַשטימט, אז דער ברענטש זאָל ליידען דעם שאָדען פון די $21.50.

א צווייטען אַפּיעל האָבען זיי געהאט פון א מעמבער געגען דער נאַציאָנאַלער בענעפיט קאָמיטע פאר צוריקווייזען איהם א וואָך בענעפיט. דער בעטרעפענדער האָט ערקלערט, אז ער איז אַטענדעד געווארען פון א פּריוואטען דאָקטאָר, ווייל דער ברענטש דאָקטאָר האָט זיך ענטזאָגט צו איהם צו קומען צוליעב דעם וואס דער ברענטש האָט איהם צו יענער צייט אונגעזעצליך געשטראָכען. די בענעפיט קאָמיטע האָט ערקלערט, אז דער סטייטמענט וואָס ער האָט צוגעשטעלט האָט געלויטעט, דאָס דער דאָקטאָר האָט איהם געזעהן צוויי מאָל אין פערלויף פון דריי טעג, ניט דעם ערשטען און לעצטען טאָג פון דער וואָך, ווי עס פאָדערט אונזער קאָנסטיטושאָן, און דארום איז זיין בענעפיט צוריקגעוויזען געווארען. א מעמבער פון ארבייטער רינג, ביי וועמען דער אַפּעלאנט וואוינט, האָט בעשטעטיגט, אז ער איז געווען קראנק א וואָך צייט און דאן ניט געארבייט. די גריוועַנס קאָמיטע האָט באַשלאָסען, אז אויב ער וועט צושטעלען א צווייטען סטייטמענט פון דאָקטאָר, וואס האָט איהם קורירט, אז ער האָט ניט געקענט נאָכקומען זיין באַשעפטיגונג פאר א וואָך (ער האָט געליטען פון מאָגען קראַנקהייט), זאָל די בענעפיט צו איהם אויסגעצאָהלט ווערען.

פר. וויינבלאַט גיט איבער וועגען נאָך אייניגע קייסעס, איבער וועלכע זיי איז אויסגעקומען צו האַנדלען, און דער בעריכט ווערט גוטגעהייסען.

---

## רעפּאָרט פון דער אָפּיס קאָמיטע.

פר. דייווידאָף בעריכטעט, אז די ניי־ערוועהלטע אָפּיס קאָמיטע איז אינסטאָלירט געווארען מיטוואָך אבענד, דעם 29־טען מאי. ער (דייווידאָף) איז ערוועהלט געווארען אלס טשערמאַן און פר. נ. פריימאַן אלס וויים־טשערמאַן.

ביי דעם אינסטאָליישאָן מיטינג האָט פר. באסקין אָפּגעגעבען א גוטען, גענויען רעפּארט, כדי צו באַקענען די נייע מיטגליעדער פון דער קאָמיטע מיט דער רוטינע ארבייט און מיט דעם אַלגעמיינעם צושטאַנד פון אָפּיס.

פארטרעטער פון ניו יארק קאָמישאָנער אָוו אינשורענס האַלטען יעצט אין אונטערזוכען די ביכער פון ארבייטער רינג. זיי האָבען אויסגעדריקט א צופריעדענהייט מיט דער סיסטעם, ווי די ביזנעס פון ארב. רינג ווערט געפיהרט, און אזוי שנעל ווי זיי וועלען פארטיג ווערען מיט דער אונטערזוכונג, וועלען זיי צושטעלען אן אָפיציעלען רעפּארט.

עס זיינען לעצטענס געקויפט געווארען באָנדס אויף דער סומע פון $15,000.

פר. דייווידאָף ערקלערט, אז די קאָמיטע האָט באַשלאָסען צו העכערען די שכירות פון די אַנגעשטעלטע אין אָפּיס. זיי האָבען ערוועהלט א ספּעציעלע סאָב־קאָמיטע אויסצואַרבייטען א ליסטע, ווי די העכערונג אין שכירות זאָל געמאַכט ווערען. דיזע סאָב־קאָמיטע וועט רעפּארטען צום קומענדען מיטינג פון דער אָפּיס קאָמיטע.

דער רעפּאָרט ווערט גוטגעהייסען.

* * *

פר. געליעבטער ערקלערט, אז פיעלע דאָקטוירים פון ניו יארקער ברענטשעס פאָדערען יעצט $2 פער סינגעלמאַן און $4 פער פאמיליע א יאָהר. אַזוי־ווי דאָס האָט ארויסגערופען אַן אונצופריעדענהייט צווישען די אָרטיגע ברענטשעס, האָט די נאַציאָנאַלע בענעפיט קאָמיטע בעשלאָסען צו רופען אַ קאָנפערענץ פון די ניו יארקער ברענטשעס צו פארהאנדלען די פראגע וועגען איינפיהרען דיסטריקט דאָקטוירים אין ניו יארק. די בענעפיט קאָמיטע וויל האָבען די צושטימונג פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע. די האנדלונג ווערט גוטגעהייסען.

---

## קאָמיטע פאר פּובליסיטי און עפענטליכע ארויסטרעטונגען.

עס ווערט באַשטימט צו ערוועהלט א קאָמיטע פון דריי פאר פּובליסיטי און עפענטליכע אַרויסטרעטונגען אין דער צייט פון איין מאָנאַטליכען מיטינג ביז׳ן צווייטען.

אין דער קאָמיטע ווערען ערוועהלט פריינדע וויינבערג, וואָלאָס און צוקער.

* * *

עס ווערט באַשלאָסען, אז דער נעקסטער מאָנאַטליכער מיטינג זאָל אָפּגעהאַלטען ווערען זונטאג, דעם 14טען דזשולי. עס ווערט איבערגעגעבען צו דעם אָפּיס קאָמיטע צוזאמען מיט דעם טשערמאַן פון דער עקזעקוטיווע און דזשענעראל סעקרעטער צו קענען רופען א ספּעשעל מיטינג דעם מאָנאַט, אויב זיי וועלען געפינען פאר נויטיג.

פ. געליעבטער, רעקאָרדינג סעקרעטער.

---

## ק אָ ר ע ק ש אָ ן.

אין דעם לעצטען רעפּאָרט וועגען דער אינסטאָליישאָן פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע זיינען אויסגעלאָזען געווארען די נעמען פון די עקזעקוטיוו מיטגליעדער, וועלכע זיינען ערוועהלט געווארען אין דער אָפּיס קאָמיטע:

די אָפּיס קאָמיטע באַשטעהט פון פריינדע מ. דייווידאָף, נ. פריימאַן, י. וויינבערג, מ. איוועַנסקי און מ. וואָלבערג.

# פאר דער היים

### געשמאקער קאקאו.

איין טראפען וואנילא (בעט אין דראג סטאר VANILA) אין א גלאז קאקאו מאכט די קאקאו פיעל מעהר בע'טעמ'ט און אנגענעהם. עס קאסט ניט פיעל, אפילו אין היינטיגע צייטען, ווען דער דאלאר ווערט פון טאג צו טאג מעהר איינגעשרומפען.

* * *

### פאטייטא געריכטען.

**לאטקעס**: צוריבט גוט די פאטייטאס און לעגט צו צו יעדע האלבע קווארט צוריבענע פאטייטאס א פולע טהעע־לעפעלע זאלץ, א פערטעל טהעע־לעפעלע פעפער און איין צוקלאפטע איי. מישט גוט דורך די איי און לאזט עס אריינמישען זיך אין די פאטייטאס. דאן מאכט לאטקעס און לעגט זיי אויפ'ן פאן. דיזע פראפארציע וועט מאכען די לאטקעס ברוין און געשמאק. איהר מעגט עס עסען ניט רוקא חנוכה...

* * *

**געפילטע פאטייטאס**: קלייבט אויס קליינע פאטייטאס מיט א גאנץ רינער שאלעכץ, האלב־קיילעכדיגע, אויב מעגליך. באקט זיי אין א הייסען אויווען, אבער זייט פארזיכטיג ניט איבערצובאקען זיי, דאס די שאלעכץ זאל ווערען טרוקען. שניידט איבער די פאטייטאס דורך דער לענג אין צוויי גלייכע חלקים. נעמט ארויס פארזיכטיג דאס אינעווענינגסטע און זעהט אויך דאס די שאלעכץ־שיירלאך זאלען זיך ניט צורייסען. לעגט צו צו יעדער האלבער קווארט (אדער צוויי קאפס) צוריבענע פאטייטאס א האלבע „קאפ" צוריבענע קעז, זאלץ און פעפער, צומישט עס און צורייבט עס גוט און דאן פילט אן דערמיט די פאטייטא־שאלעכץ, קלעפט עס צוזאמען ווי ווייט מעגליך און לעגט עס צוריק אריין אין אויווען, אויף 10 מינוטען. עס איז שוין איינמאל א מאכל! אויף אונזערע שוועסטער און ברידער אין יוראפ געזאגט געווארען...

* * *

**פאטייטא־קאטלעטען**: לעגט ארום די בראט פאן, ביי די זייטען, צוריבענע פאטייטאס און אין מיטען לעגט אן צושטיקעלטע קאלבען־פלייש, שעפסען־פלייש אדער וועלכע עס איז איבערגעבליבענע פלייש און דעקט עס צו אין דער הויך מיט נאך צוריבענע פאטייטאס. קריצט דורך מעהרער מאל מיט א מעסער און זעצט עס אריין אין אויווען ביז עס ווערט ברוין. די פאטייטאס און די פלייש קאנען באנוצט ווערען אויך פון די איבערגעבליבענע פון פאריגען מאהלצייט.

* * *

**ארויסנעמען פלעקען**: פון די ווינדאו שויבען, פון פארב, איינגעגעסענע שטויב, א. א. וו. קאן מען מיט הייסע עסיג אזוי, דאס עס זאל אפילו גאר נישט קענטיג זיין.

ארויסנעמען פלעקען פון בעסערע פאיאנס־ווארג (קראקערי) קענט איהר רייבענדיג מיט רינע אש וואס איז עטוואס באפייכטעט מיט עסיג.

ארויסנעמען פלעקען פון געוויסען איז אבער אונמעגליך מיט עסיג, הייסע צו קאלטע. דאס קאן מען נור אפרייבען מיט לאנגע יאהרען ארבייט און אויפאפפערונג פאר גרויסע מענשליכע אידעאלען.

* * *

**שווארצע קליידער**: שווארצע סעטין וועט זיין דער הויפט סטייל פאר קליידער און פרויען פראקען דיזען הערבסט. כדי עטוואס אפצווישען דעם אומעטיגען איינדרוק, וואס א שווארצע קלייד טרייבט אן אויף אונז, ווערט געראטען צוצופוצען זיי מיט העלע בונטע באנדען.

אום כדי אפצואווישען פון אונזער הארצען דעם טונקעלען קאלעמוטנעם איינדרוק פון דער צייט, ווערט געראטהען אריינצוואווארפען זיך אין דער באוועגונג פון ארבייטער קלאס פאר באפרייאונג. העלע ליכטיגע און לעבעדיגע פארבען וועלען זיך ארומוויקלען ארום אייער נשמה.

* * *

### דער יקרות אויף שוכווארג.

די פיס זיינען אין א געוויסען זינען פריהער אויך געווען גרעסערע יחסנים ווי דער קאפ... א געוועהנליכע פאר שיך האבען פריהער אויך געקאסט מעהר ווי א העט אדער היטעל. איצט אבער, ווערען די פיס כמעט די גאנצע יחסנים. אין פארשיעדענע לענדער פון אייראפא, צאהלט מען שוין פאר שיך איבער הונדערט דאלאר א פאר. ביי אונז, כאטש עס זיינען ניטא אזעלכע וויכטיגע אורזאכען פארוואס דער פרייז אויף שוכווארג זאל אזוי שטייגען, פונדעסטוועגען צאהלט מען שוין איצט פאר גאנץ ביליגע שיך פינף, זעקס און זיבען דאלאר א פאר. עס וואלט דעריבער געווען זעהר ווייטזיכטיג פון דער הויז־פרוי אויפצוזוכען די עלטערע פאר שיך און זיי געבען פאררירכטען. נאטירליך, דאס הייסט ניט דאס מ'זאל פון דער צווייטער זייט לאזען דעם מאן צורוה און ניט באדערען איהם פאר א „רייז" אויף די הויז־אויסגאבען. וואס מעהרער איהר וועט איהם באדערען אלץ גיכער וועט ער פארערען ביי זיין בעל־הבית א רייז...

* * *

### היט זיך פאר שטויב!...

ראמענדיג די הויז, זעהט, דאס דער שטויב זאל אויסגעווישט ווערען, אבער ניט וועקגעבלאזען ווערען. אויב איהר ווישט ניט אויס בלייבט אלץ דער שטויב אין שטוב און ארומפליהענדיג דרינגט ער אריין אין די אויגען, לונגען און פארפעסטעט אונזער קערפער.

* * *

### זומער געטראנקען.

מענשען זיינען געוואוינט צו מאכען דעם טעות און דענקען, וואס קעלטערע וואסער זיי וועלען טרינקען אלץ מעהר וועט די היץ פון זיי אנטלויפען. זיי טרינקען אלזא פארשיעדענע געפארבטע אייז־וואסערען, וועלכע זיינען נישט צו־געזונד און דערגרייכען נישט דעם ציעל. די פארשיעדענסטע מאגען קראמפפען נעמען זיך פון די צו קאלטע משקאות. טרינקט בעסער פרישע וואסער פארזיסט מיט א ביסעל צוקער אדער מיט עטליכע טראפען פון אייערע היימישע געמאכטע סאקען....

* * *

### בלומען און מרה שחורה.

זעהט דאס ארום אייער שטוב זאל זיין גענוג גראז און בלומען. רוכט־זיך עס איז א קלייניגקייט, און דאך האט עס פיעל צו זאגען אויף אונזער געמיטה, אונזער צושטאנד פון גייסט און איבערהויפט אויף אלע אונזערע האנדלונגען.

אויסער דעם, וואס עס אפעלירט צום אויג מיט די פארשיעדענארטיגקייט פון די קאלירען און שאטירונגען און עס באפריעדיגט דעם אפעטיט פון אונזער נאז, מיט וועלכען מיר דארפען איבערהויפט זיך אויפהערען צו שעמען, גלעט עס נאך און צערטעלט אונזערע צוציגענע, פארמאזאליעטע נערוועז און עס פרישט אונז אויף מיט די אונשולדיגקייט, צארטקייט און ווייכקייט וואס בלומען פארמאגען.

עס קאסט א קלייניגקייט די בלומען־זאמען. איהר קענט זיי קריגען אין דראג סטארס און אין אנדערע גרויסע פרוכט סטארס. מיט יעדען פעקעלע קומט א באשרייבונג ווי צו געברויכען עס און עס נעמט נישט אפ פיעל צייט צו פארזעען עס.




# טרויער רעזאלוציאנען

מיט טיעפען טרויער און מיט פאַרוועהטאָגטע הערצער, פיהלען מיר מיט אַייך פריינד מ. גאָרדאָן צו אַייער גרויסען פאַרלוסט פון אַייער פריציייטיג פאַרשטאָרבענעם 12 יאָהריגען זוהן.

סעם באָרענשטיין, סעקרעטער.

---

מיר באַדויערען דעם פארלוסט און דעם גרויסען אונגליק וואס אונזער פר. מינדלסאָן האָט ערליטען דורך דעם פריהצייטיגען טויט פון זיין פרוי.

שיפרין און שיק, פרעס קאָמ. בר. 295.

---

מיר, די מעמבערם פון בר. 434 א. ר., ניו הייווען, דריקען אוים אונזער טיעפסטען טרויער און שמערץ איבער דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער בעליעבטען און גֿעאכטעטען פריינד אטטא סלייטער. פר. סלייטער איז געווען איינער פון די ערשטע אין ניו הייווען, וועלכער האָט טריי און/ ערמיעדליך געארבייט פאר דער ארבייטער באוועגונג פאר די לעצטע 15־16 יאהר, און ביז זיין טויט איז ער פון איהר ניט אָבגעטראָטען. ער איז אויך געווען פון די ערשטע מעמבערם פון בר. 17 א. ר. ניו הייווען, און איינער פון די גרינדער פון פרץ בר. 589, ניו הייווען. זיין טויט ווערט בעקלאָגט ניט נאָר פון זיין פאמיליע, נאָר פון אלע פריינדע און בעקאנטע. זיין אַר־בייט פאר דער באוועגונג וועט לאנג לעבען צווישען אונז. מיר דרי־קען אויך אוים אונזער טיעפסטע סימפאַטיע צו זיין פאַמיליע.

עהרע דיין אַנדענקען, פריינד סלייטער.

ס. ווייסמאן, א. פרידמאן, רעז. קאָמ.

---

מיר, די מעמבערם פון בר. 326 אַ. ר. אָף קאַמיללום, נ. י. דריקען היערמיט אוים אונזער טיעפען טרויער אויפ׳ן פרי־צייטיגען טויט פון אונזער פריינד דזשאָו גול, וועלכער איז פלוצלונג גע־שטאָרבען, און אויך אונזער פריינדליכסטע סימפאַטי מיט זיין פרוי און קינד

רעזאָלוציאָנס קאָמיטע:

דייוויד גאוועגדע, ה. האָדאָס,

ס. מירמאַן, סעקרעטער.

---

מיר, די מעמבערם פון יעקאַטערינאָסלאַווער בראַנטש 236 אַ. ר. באַדויערען דעם פריה צייטיגען טוידט פון אונזער פאַרשטאָרבענעם פר. ט. גאסטאמעלסקי, וועלכער איז אַוועקגעריסען געוואָרען פון אונזערע רייהען אין דעם עלטער פון 35 יאָהר פון דער שרעקליכער פראָלעטאַרישער קראַנקהייט, די ווייסע פלאַג

מיר דריקען אוים אונזער טיעפסטען באַדויערען צו זיין פרוי און קינדער און פריינד.

עהרע זיין אָנדענקען.

מ. אבראַמאָוויטש, ל. פאולקעס /

רע זאָלוציאָנס קאָמיטע

---

בר. 149 באַדויערט דעם פלוצלונגען טוידט פון איינעם פון די ערשטע מעמבערם פון בראַנטש פר. הערי קאַבזינסקי. ביי א ספּעציעלען מיטינג האָט בר. 149 אויסגעדריקט זיין ענטריסונג פאַר דעם שנעלען באַערדיגונג, נישט געבענדיג אַ געלעגענהייט די מעמבערם אָפּצוגעבען איהם זיין לעצטע עהרע.

מיר טיילען מיט אונזער סימפּאַטי צו דער אלמנה און קינדער און מיר עהרען זיין אָנדענקען מיט אונזער אינערליכען טרויער און מיט׳ן טרויער פון אונזער בעננער. מיר האָבען פאַרלאָרען איינעם פון די טעטיגקסטע עממבערם און אימער וועט זיין אָנ־דענקען זיין פריש צו די וואָס האָבען איהם געקאָנט און מיט איהם געאַרבייט פאַר׳ן וואהלזיין פון ברענטש.

ס. באָרענשטיין, סעקרעטער.

---

מיר דריקען אוים אונזער גרוים באַדויערען אויף דעם פרי־צייטיגען טויט פון אונזער פר. נייטען סטופניקער, וועלכער איז געוועזען איינער פון די איבערגעגעבענסטע און טרייע טוער אין דער אַרבייטער באַוועגונג. אַ טרייער חבר, אַן אמת׳ער פריינד און אַן איבערגעגעבענער פאָטער צו זיין פאַמיליע.

מיט טרעהרען אין די אויגען דריקען מיר אוים אונזער טיעפסטע סימפּאַטי צו זיין פרוי און קינד, וועלכע וועלען ביי אונז בלייבען פונקט אַזוי טייער ווי אונזער פר. סטופניקער איז געווען.

י.האַכמאַן, סעקרעטער.

---

מיר, די מעמבערם פון בר. 35 א. ר. דריקען אוים אונזער טיעפסטען טרויער אין שמערץ אויף דעם פרי־צייטיגען טוידט פון אונזער פיעל באַליעבטען פריינד באָרים פרידמאַן, וועלכער איז געשטאָרבען דזשון דעם 1טען, 1918, אין עלטער פון 53 יאָהר איבערלאָזענדיג אַ פרוי מיט 2 קינדער.

אויך אונזער סימפּאַטיע צו דער אלמנה און קינדער.

עהרע דיין אָנדענקען טייערער פריינד.

יעזאָלוציאָנס קאָמיטע:

ברעסלאוו, זאסערמאן,

טאָווער, רעק. סעק.

# פינאַנץ באַריכט פון 70טען קוואַרטאַל

דאָס פאָלגענדע איז דער פינאַנץ בעריכט און אויך דער בעריכט פונ'ם אַלגעמיינעם צושטאַנד פון די ברענטשעס פון אַרבייטער רינג פאַר דעם 70טען קוואַרטאַל, וועלכער שליסט איין די מאָנאַטען יאַנואַר, פעברואַר און מאַרטש 1918.

י. באַסקין, סעקרעטער.

## איינגאַהמע.

| | |
|---|---|
| פון ברענטשעס | $89,781.20 |
| פון מעמבערס עט לאַרדזש | 2,902.77 |
| ברענטשעס קרעדיטעט פאַר אַפּליקיישאָנס וועלכע זיינען רעדזשעקטעד געוואָרען | 433.61 |
| איינטריטס געלד פון נייע מעמבערס, 1, 2, 3 און 4טע קל. | 3,309.00 |
| פון טראַנספערס (פון קלאַס צו קלאַס) | 59.00 |
| קאָנסטיטושאָנס און סערטיפיקייטס | 291.15 |
| ס"ה איינגאַהמע | $96,776.73 |

## אינוועסטמענטס.

| | |
|---|---|
| אינטערעס פון באָנדס | $7,261.25 |
| אינטערעס פון דעפּאָזיטס | 210.50 |
| סאַניטאַריום פארם פּראָדוקטען | 497.67 |
| סאַנאַטאָריום דעפּאָזיטס (באַצאָהלטע פּאַציענטען) | 1,335.00 |
| לייבאָר ליוג פּאַציענטען | 60.00 |
| סאַניטאַריום אינטערטיינמענט | 812.10 |

## וואָלונטארי קאָנטריביושאָנס.

| | |
|---|---|
| פאַר די מלחמה קרבנות | $11,414.67 |
| פאַר לאַמזשער וועגענד | 25.00 |
| פאַר בערקמאַנס דעפענס פאָנד | 8.20 |
| פאַר סאַן פראַנציסקאָ דעפענס פאָנד | 8.00 |
| פאַר סיאַטעל דעפענס ליוג | 2.00 |
| פאַר שיקאַגאָ ציגאַר מאַכערס | 2.00 |
| פאַר וויליאַמסבערג לייבאָר ליסעאום | 1.00 |
| פאַר לאָס אַנדזשעלעס רעליעף סאָסייעטי | 1.00 |
| פאַר פיפטה סטריט דיי נורסערי | 1.00 |
| פאַר מאָנטגאָמערי דיי נורסערי | 1.00 |
| פאַר קאַרל מאַרקס פּובלישינג אַסאָסיאיישאָן | .50 |
| פאַר די אינטערנאַציאָנאַלע אַרבייטער דעפענס | 7.50 |

## פאַרשיעדענע איינגאַהמען.

| | |
|---|---|
| וואָרקמענס סירקעל לייברערי | 44.10 |
| וואָרקמענס סירקעל לייברערי, 1918 | 45.65 |
| ראָזענצווייג ביכער | 22.46 |
| פּיפּעלס יוניווערסיטי | 42.50 |
| סעמעטערי דעפּאַרטמענט | 62.50 |
| י. ווײַנטרויב | 100.00 |
| אַרויסגענומען פון סייווינגס בענק | 156.13 |

## אומגעקעהרטע אויסגאַבען.

| | |
|---|---|
| רענט פון סעמעטערי דעפּאַרטמענט | 30.00 |
| פּרינטינג | 25.00 |
| פאַרשיעדענעס | 16.25 |
| נאַציאָנאַלע באָארד אָוו דירעקטאָרען | 5.00 |
| נאָטאַרי פּאַבליק | 3.00 |
| טעלעפאָן און טעלעגראַף | .48 |
| סטיישאָנערי | .39 |
| עדיוקיישאָנאַל ביוראָ | 11.58 |
| „פריינד" פאָנד | .65 |
| ס"ה | $118,990.81 |
| באַלאַנס פונ'ם 31טען דעצעמבער 1917 | 55,325.86 |
| ס"ה | $174,316.67 |

## אויסגאַבען.

| | |
|---|---|
| צו ברענטשעס | $4,900.90 |
| צו מעמבערס עט לאַרדזש | 20.47 |
| טויטען בענעפּיט | 13,907.50 |
| קאָנסאַמפּשאָן בענעפּיט | 1,178.16 |
| קראַנקען בענעפּיט (צו מעמבערס עט לאַרדזש) | 1,155.00 |

## אינוועסטמענט.

| | |
|---|---|
| באָנדס (מאַרקעט ווערטה $33,000) | 29,803.12 |
| אינטערעסט אין באָנדס | 38.96 |
| פיורניטשור און פיקסטשורס | 14.25 |

## סאַניטאַריום.

| | |
|---|---|
| אויפהאַלטונג | 18,267.80 |
| בילדינג | 281.24 |
| פיורניטשור און פיקסטשורס | 379.99 |
| ענטערטיינמענטס | 946.20 |
| סעלעבריישאָנס (סאַניטאַריום טאָג) | 143.90 |
| לייף סטאָק | 135.00 |

## אדמיניסטריישאָן אויסגאַבען.

| | |
|---|---|
| רענט | 750.00 |
| סאַלאַריעס | 4,413.45 |
| עקסטראַ אָפיס אַרבייט | 69.55 |
| פאַרשיעדענעס | 289.42 |
| נאַציאָנאַלע באָארד אָוו דירעקטאָרען | 501.92 |
| גריוועַנס קאָמיטע | 140.75 |
| בענעפּיט קאָמיטע | 141.10 |
| אָפיס קאָמיטע | 120.29 |
| אודיטינג קאָמיטע | 310.89 |
| פּראַטוירנאַל רייטס (עקסטרא אַרבייט) | 334.68 |
| קאָמיטעס | 36.69 |
| פּאָסטיידזש | 750.95 |
| פּרינטינג | 773.90 |
| אַדווערטייזינג | 337.03 |
| טעלעפאָן און טעלעגראַף | 92.72 |
| באַלויכטונג | 71.60 |
| סטיישאָנערי און ביכער | 216.45 |
| קאָלעקשאָן און עקספּרעסענדזש | 22.28 |
| אודיטאָר און עקטשוערי | 250.00 |
| ליגעל סוירוויסעס | 15.00 |
| אינשורענס פּובליקיישאָנס | 11.00 |
| מעדיצינישע בעראַטונג | 2.30 |
| רייזע קאָסטען | 20.76 |
| סטייט אינשורענס קאָמישאָנערס באַלוינונג | 133.00 |
| ריפּוירינג | 225.45 |
| עקספּרעסיידזש | 56 |

## אָרגאַניזיישאָן.

| | |
|---|---|
| ניו יאָרק סטייט | 249.23 |
| פּענסילווייניאַ סטייט | 151.05 |
| ניו דזשערזי סטייט | 61.55 |
| קאָנעקטיקוט סטייט | 98.50 |
| מעין סטייט | 30.33 |
| אילינאָאיז סטייט | 66.00 |
| וויסקאָנסען סטייט | 26.00 |

| | |
|---|---|
| מינעסאָטע סטייט | 43.60 |
| מערילאנד סטייט | 22.00 |
| אָהייאָ סטייט | 39.50 |
| מישיגען סטייט | 50.00 |
| מיזורי סטייט | 12.25 |
| קאַליפאָרניא סטייט | 10.95 |
| רהאוד איילענד סטייט | 20.04 |
| קענעדע | 42.80 |
| אַלגעמיינע אָרגאַניזאציאנס ארבייט | 500.27 |

### וואלונטארי קאָנטריביושאָנס.

| | |
|---|---|
| פאר די מלחמה קרבנות | 160.17 |
| פאר לאָס אנדזשעלעס סאַניטאריום | 47.95 |
| פאר לאָמזער יוגענד | 25.00 |
| פאר בערקמאַנס דעפענס פאָנד | 8.20 |
| פאר סאן פראַנציסקא דעפענס פאָנד | 8.00 |
| פאר שיקאגאָ ציגארען מאכער | 2.00 |
| פאר לאָס אנדזשעלעס רעליעף סאסייעטי | 1.00 |
| פאר פינפטע סטריט דיי נורסערי | 1.00 |
| פאר מאָנטגאָמערי דיי נורסערי | 1.00 |
| פאר וויליאמסבערג לייבאָר לייסעאום | 1.00 |
| פאר קארל מארקס פאַבלישינג אסאָסיאיישאָן | .50 |
| פאר דרעפטעד מעמבערס אין קעמפ גארדאן | 100.00 |

### פארשיעדענע אויסגאבען.

| | |
|---|---|
| „פריינד" פאָנד | 2,096.24 |
| עדיוקיישאָנאל ביוראָ | 1,428.07 |
| ווארקמענס סוירקעל לייברערי 1918 | 1,668.66 |
| קאָנווענשאָן פאָנד | 316.69 |
| קאָנסטיטושאָנס | 2,336.95 |
| ברענטש באָנדס | 1,464.80 |
| גארדיענשיפ אקאונט | 388.84 |
| פאסייק פאָסט אָפיס | 100.00 |
| אינטערעסט אָן לייבאָר ליעג דעפאָזיט | 30.00 |
| ברענטש סופליעס | 112.80 |
| קאַרל מארקס ביכער | 100.00 |
| דזאָזענצוויג ביכער | 24.39 |
| טעאַטריקאל פראָדוקשאָן (בר. 555) | 150.00 |
| פיפעלס יוניווערסעטי | 88.65 |
| סעמעטערי דעפארטמענט | 169.61 |
| איינטריטס געלד אומגעקעהרט | 9.00 |
| נעישאָנאל שוריטי קאָמפאני (י. וויינטרויב) | 50.00 |
| סוספענס אקאונט | 9.94 |
| ס"ה אויסגאבען | $93,558.76 |
| באַלאַנס אין טשאַטהאַם און פיניקס נעישאַנאל באַנק, (מארטש 31) | 67,098.99 |
| באַלאַנס אין פארמערס לאָאַן און טראָסט קאָ., (מארטש 31) | 11,089.36 |
| באַלאַנס אין בראָדוויי טראָסט קאָ. (מארטש 31) | 2,569.56 |
| ס"ה | $174,316.67 |

### קראַנקען בענעפיט.

| | |
|---|---|
| אויסגעצאָהלט 7158 וואָכען | $41,301.00 |
| 6609 וואָכען צו 6 דאָלאר | $39,654.00 |
| 549 וואָכען צו 3 דאָלאר | 1,647.00 |

### טויטען קליימס.

רעפּאָרטעד אין 70טען קווארטאל:

| | |
|---|---|
| קלאַס 1 | 31 |
| קלאַס 2 | 15 |
| קלאַס 3 | 6 |
| קלאַס 4 | 1 |
| ס"ה | 53 |
| טאָטאל אינשורענס | $16,700.00 |

### געשטאָרבען פון:

| | |
|---|---|
| טובערקולאָזיס | 17 |
| ניומאָניאַ | 6 |
| האַרץ קראַנקהייט | 5 |
| עקסידענט | 4 |
| פארשיעדענע קראנקהייטען | 21 |
| ס"ה | 53 |

### פריינד אויסגאבען.

| | |
|---|---|
| פרינטינג | $756.46 |
| פאַפּיער | 446.23 |
| רעדאקטירען | 160.00 |
| אַרטיקלען | 105.50 |
| מיילינג און ראַפּינג | 120.75 |
| עקספרעסיידזש | 137.14 |
| פאָסטיידזש | 235.09 |
| סטיישאָנערי | 19.46 |
| סאַלאַריעס | 257.00 |
| עקסטרא אַרבייט | 3.25 |
| פאַרשיעדענעס | 6.20 |
| קאָמיטעס | 35.25 |
| אדווערטייזעמענטס | 4.00 |
| רענט | 45.00 |
| עלעקטריק פאור | 12.50 |
| מאַשינערי | 30.00 |
| ס"ה | $2,373.83 |

אין קעש סטייטמענט זיינען זיי פאררעכענט אין פאָלגענדע אייטעמס:

| | |
|---|---|
| „פריינד" | $2,096.24 |
| פאסייק פאָסט אָפיס | 100.00 |
| ס"ה | $2,196.24 |
| „פריינד" מאַשינערי | 30.00 |
| רענט פאר יאנואר, פעברואר און מארטש | 45.00 |
| עלעקטריק פאור פאר די זעלבע מאָנאטען | 12.50 |
| באַלאַנס אין פאסייק פאָסט אָפיס פון לעצטען קווארטאל | 115.56 |
| ס"ה | $2,399.30 |
| פון דעם ווערט אָרונטערגערעכענט | 2,373.83 |
| בלייבט אַ באַלאַנס אין פאסייק פאָסט אָפיס דעם 31טען מארטש, ווי עס ווערט אָנגעצייגט אין פאָלגענדען טייבעל פון פארמעגען | $25.47 |

### פארמעגען און שולדען, 31טען מארטש, 1918.

| | |
|---|---|
| קעש אין טשאַטהאַם און פיניקס נעישאַנאל באַנק | $67,098.99 |
| קעש אין פארמערס לאָאַן און טראָסט קאָמפּאני | 11,089.36 |
| קעש אין בראָדוויי טראָסט קאָמפּאני | 2,569.56 |
| קעש אין טשאַטהאַם און פיניקס נעישאָנאל באנק (סעקרעטער'ס אקאונט) | 1,200.00 |
| סאַניטאריום דעפארטמענט | 2,000.00 |
| קעש אין סייווינגס בענק | 11,375.96 |
| סיטי און מיוניסיפּאל באָנדס (מארקעט ווערטה) | 17,953.12 |
| סאַניטאַריום בילדינג | 94,141.72 |
| סאַניטאַריום פארם | 8,500.00 |
| סאַניטאַריום לייף סטאָק | 1,060.00 |
| סאַניטאַריום פוירניטשור און פיקסטשורס | 14,984.22 |
| אָפיס פוירניטשור און פיקסטשורס | 4,059.23 |
| „פריינד" פוירניטשור און פיקסטשורס | 542.64 |
| ברענטש סופּליעס | 1,413.24 |
| עדיוקיישאָנאל ביכער פּלייטס | 1,300.00 |
| ברענטשעס | 15,909.17 |
| מעמבערס עט לארדזש | 550.28 |
| פאסייק פאָסט אָפיס | 25.47 |

| | |
|---|---|
| אויסגעצאָהלטע וויינטראוב געלדער | 1,562.03 |
| מ. און ל. יארמולאָווסקי | 186.76 |
| טעאַטריקעל פּראָדוקשאָן (בר. 555) | 150.00 |
| קאַרל מאַרקס ביכער | 100.00 |
| ס"ה | $957,771.75 |

שולדען:

| | |
|---|---|
| גאַרדיאַנשיפּ אַקאָונט | $7.498.18 |
| טויטען בענעפיט קליימס | 24,985.00 |
| אַפּליקיישאָנס פאַר אַבּרואוואַל | 908.95 |
| סעמעטערי דעפּאַרטמענט | 114.16 |
| סאַניטאַריום דעפּאָזיטס | 1,178.55 |
| ברענטש באַנדס | 1.48 |
| לייבאַר ליעג | 500.00 |
| רוסישע רעוואָלוציאָנערען פאָנד | 585.25 |
| וואָלונטערי קאָנטריבּיושאָנס | 13,804.73 |
| בענעפישערי אָוו ה. האַרן | 41.00 |
| בענעפישערי אָוו ה. קליפער | 41.00 |

| | |
|---|---|
| סוספּענס | 82.36 |
| ס"ה | $49,740.66 |
| פּערמענענט איבער שולדען | 908,031.09 |
| ס"ה | $957,771.75 |

ברענטשעס:

| | |
|---|---|
| צאָהל ברענטשעס דעם 31טען דעצעמבער 1917 | 602 |
| נייע ברענטשעס אינסטאָלירט | 5 |

בר. 314 קוני איילענד, נ. י., 452 יאָנקערס, נ. י., 609, נ. י. סיטי; 546, בעטה, מעין; 528, פילאדעלפיא, פּא.

| | |
|---|---|
| ס"ה | 607 |
| ברענטשעס אויפגעלעזט | 5 |

בר. 511 סאַן פראַנציסקא, קאַל.; בר. 360 שיקאַגאָ, איל.; בר. 141 ווילקעסבאַר, פּא.; 421 איריו, פּא.; 607 נ. י. סיטי.

| | |
|---|---|
| ברענטשעס אין עקזיסטענץ דעם 31טען מאַרטש 1918 | 602 |

# מעמבערשיפּ-סטייטמענט

דעביט

| | קלאַס 1 | קלאַס 2 | קלאַס 3 | קלאַס 4 | |
|---|---|---|---|---|---|
| באַלאַנס דעם 31טען דעצעמבער 1917 | 25,232 | 21,894 | 6,958 | 5,416 | 59,500 |
| נייע מעמבערס אָריינגענומען | 301 | 251 | 107 | 1,389 | 2,048 |
| רעאינסטייטעד זיינען געוואָרען | 174 | 235 | 36 | 60 | 505 |
| טראַנספערס פון קלאַס צו קלאַס | 23 | 7 | 10 | 18 | 58 |
| טראַנספערס פון ברענטש צו ברענטש | 269 | 225 | 68 | 78 | 640 |
| טאָטאַל דעביט | 25,999 | 22,612 | 7,179 | 6,961 | 627,51 |
| קרעדיט | 793 | 912 | 171 | 337 | 2213 |
| טאָטאַל צאָהל מעמבערס 31טען מאַרטש 1918 | 25,206 | 21,700 | 7,008 | 6,624 | 60,538 |

קרעדיט.

| | קלאַס 1 | קלאַס 2 | קלאַס 3 | קלאַס 4 | |
|---|---|---|---|---|---|
| עקספּעלד | 466 | 637 | 96 | 243 | 1,442 |
| רעזיגנירט | 6 | 9 | 1 | 1 | 17 |
| צוריקגעוויזען | 2 | — | — | 1 | 3 |
| געשטאָרבען | 31 | 15 | 6 | 1 | 53 |
| טראַנספערירט פון קלאַס צו קלאַס | 19 | 26 | — | 13 | 58 |
| טראַנספערירט פון ברענטש צו ברענטש | 269 | 225 | 68 | 78 | 640 |
| ס"ה | 793 | 912 | 171 | 337 | 2,213 |

ווערה איז צו דעם בלאַט אין אלול־טאָג, וואָס ליעגט אָן אָפּגע־ריסענער פון בוים און דער ווינט וואַרפט איהם און דרעהט איהם אין אַלע זייטען. — ווערה איז צו דעם מענשען, וואָס איז נישט באַהעפט צו קיין פּאַרזיכערונגס־אָרגאַניזאַציאָן אין טאָג פון אומ־גליק און בלייבט הילפלאָז אין די הענד פון די אכזריות'דיגע אומשטענדען.

* * *

מיט דיין ברודער אַרבּייטער דאַרפסטו זיין אומעטום — אין דער אַרבּייט, אין דער יוניאָן, אין דער פּאַרטיי, אין אַרבּייטער רינג, אין קאָאָפּערטיווע פאַראיינען, אין טעאַטער, ביי אַ קאָנצערט, ביי אַ מאַסען־מיטינג — אומעטום. מיט דיין ברויט־געבער, דעם קאַפּיטאַליסט נור אין א י י ן אָרט — אין ג ע ג ע נ ז א ץ.

* * *

הויך אויף די סעמסקיל בערג שטעהט דעם אַ ר ב י י ט ע ר ר י נ ג ' ס שעהנער טורעם־מאָנומענט — דער ס אַ נ י ט אַ ר י ו ם. אָבער די זעקס־הונדערט פּופּצעהן גראַניטען, וואָס האַלטען איהם אונ־טער, זיינען צושפּרייט איבער אַלע בערג און טהאַלען פון די פאַר־אייניגטע שטאַאַטען.

* * *

זיי נישט צופיעל איבערמוטיג אין גליק, און נישט קליינמוטיג אין אומגליק. — קלעאבולוס.

* * *

געטהע זאָגט: „ווער עס לעבט מוז זיין גרייט אויף ענדע־רונגען."

ספּעציעל אין אונזערע איצטיגע צייטען!

* * *

גיט פאַר'ן מיליאָן דאָלאַר פאָנד — און איהר וועט קריגען גוטע בשורות אין נאָוועמבער



זיי זיינען ברייט גענוג
די טויערען פון רוהם,
און הויך און שעהן געוויּם,
באַפּראַנזט מיט גלאַנץ און שיין —
דאָך קען נישט יעדער איינער
צו יעדער צייט אַריין...

און מעגט איהר זיין ווי פיין,
ווי קלוג, ווי גוט, ווי פרום —
אויב איהר האָט עס נישט פאַרדיענט
מיט שווערער מיה און פיין,
מיט טרייהייט, איבערגעבענהייט —
וועט איהר קיינמאָל דאָ נישט זיין!

# דאַנק רעזאָלוציאָנען

מיר, די מעמבערס פון 326 אַ. ר. אָף קאַמיללוס, נ. י. דריקען אוים אונזער האַרציגען דאַנק צו אונזער געוועזענעם סעקרעטער פר. כאַלאָמאָן שור, פאַרלאָזענדיג קאַמיללוס נאָך ספרינגפיעלד, מאַסס. פאַר זיינע גוטע אַרבייט וואָס ער האָט אימער געלייסטעט דעם ברענטש זינט זיין עקזיסטענץ. זייענדיג איינער פון די גרינדער פון אונזער ברענטש, אין אַ צייט ווען עס איז געווען ריזיקאַליש צו טאָן אַזאַ „פאַרברעכערישע" רעוואָלוציאָנערע אַרבייט אין אַזאַ שטעדטעל ווי קאַמיללוס, צוליעב די אייגענע עקאָנאָמישע אומשטענדען, איז פריינד שור געשטאַנען אימער מיט דעם ברענטש און פאַרנעמענדיג אין דער גאַנצער צייט פאַרשיעדענע וויכטיגע עמטער, האָט פר. שור געטרייעט זיין בעסט צו מאַכען אונזער ברענטש גרעסער, אַיינדרוקספולער און שטאַרקער.

מיר דריקען אוים אונזער „זיי געזונד" צו איהם און צו זיין פאַמיליע און ווינשען איהם גרוים ערפאָלג אין זיינע וויטערדיגע פּריוואַטע אונטערנעמונגען, האָפענדיג דאָס אויף ווייטער וועט אונזער פריינד כאַלאָמאָן שור ניט פאַרלאָזען די רייהען פון אַ. ר. און אויך זיין אימער טעטיג אין די רייהען פון דער אַרבייטער באַוועגונג.

בר. 326 אַ. ר. אָף קאַמיללוס, נ. י.
רעזאָלוציאָנס קאָמיטע:
דייוויד גאָוועגדע,
ס. מירמאַן, סעקרעטער.

---

מיר, די פּאַציענטען פון אַ"ר סאַניטאַריום, דריקען אוים אונזער פולע אַנערקענונג צו אונזער פריינד באָרים סושינסקי, פון בר. 129 שיקאַגאָ, פאַר זיין גוטע און איבערגעבענע אַרבייט אין אונזער ליבּערי און מיר ווינשען איהם אלע געזונד.

רעזאָלוציאָנס קאָמיטע: ה. סעלקאָוויץ, מ. בירנבוים, גאַרפיין.

---

די מעמבערס פון ראַטשעסטער ברענטש 398, דריקען אוים אונזער הערצליכען דאַנק און פולען צוטרויען צו אונזער פינאַנס סעקרעטער פריינד א. ראָזענטאַל פאַר זיין טיכטיגע אַרבייט פאַר דעם ברענטש פאַר די גאַנצע 2 יאָהר פון אונזער עקזיסטענץ.

די רעזאָלוציאָנס קאָמיטע.

---

ביי אַ גוט באַזוכטען ספּעשעל מיטינג, מיטוואָך, דעם 5טען יוני, 1918, באַרופען וועגען וואַהל פאַר דאָקטאָר און בעאַמטע, האָבען מיר, די מיטגליעדער פון בר. 139 א. ר.גלייכצייטיג מיט דער רעזיגניישאָן פון אונזער אַלעמענס באַליעבטען און געאַכטעטען פריינד און גענאָסע סעם ליפשיץ, אלס פינאַנץ סעקרעטער, אויך אָנגענומען פאָלגענדע רעזאָלוציאָן:

אין אנבעטראַכט די עהרליכע, איבערגעבענע אונערמיעדליכע און פּרינציפּען־טרייע אַרבייט אויף זיין פאַראַנטוואָרטליכען פּאָסטען אין די אינטערעסען פון אונזער אָרדען בכלל און פאַר דעם וואַהל און בעסטען פון אונזער ברענטש און זיינע מיטגליעדער בפרט דורך זעקס און אַ האַלב יאָהר אַרבייט.

זיי עס באַשלאָסען, עפענטליך אויסצושפּרעכען אונזער אויפריכטיגע אַנערקענונג און וואַהל־פאַרדיענטע דאַנק פאַר זיין מוסטערהאַפטע טעטיגקייט, וועלכע וועט פאַרבלייבען אַלס אַ שפּיעגעל ניט נור פאַר זיינע נאָכפאָלגער, זאָנדערן פיעל מעהר פאַר זיינע פאָרגעהער.

אויך זיי עס באַשלאָסען, דיזע רעזאָלוציע צו פאַרעפענטליכען אין „פריינד" און „פרייע אַרבייטער שטימע."

פריינק טייטעל, טשערמאַן
וואָלף אייזנער, פּראָט. סעק.

---

ביי אַ גוט באַזוכטען מיטינג פון סימפּעראַפאל ברענטש 185 אַ. ר. שבת אוועגד, דעם 9טען מאַרטש, אין 210 אים 114טע סטריט.

אויסהערענדיג דעם באַריכט פון דער אַראַנזשמענט קאָמיטע פון דעם 10טען־יעהריגען יובלעאום איז אַיינשטימיג באַשלאָסען געוואָרען צו באַדאַנקען די קאָמיטע פאַר זייער גוטער און אונערמיעדליכער אַרבייט ביים דורכפירען דעם באַנקעט און באַלל, וועלכער האָט זיך געקרוינט מיט אַזאַ גלענצענדען ערפאָלג, סיי מאָראַליש און סיי פינאַנציעל.

פאָלגענדע פריינדע זיינען געווען אין דער קאָמיטע: ה. גאָלדשמיט, טשערמאַן; א. גילמאַן, סעק.; מ. לעווין, ב. שאַפּירא, י. לעווין, ס. פילאָסאָף, ס. ראָזענטאַל.

מיט אַ. ר. גרוס,
א. באָרשטיין, היימען לואיס,
מ. לעווין, סעקרעטער.
רעזאָלוציאָנס קאָמיטע.

---

מיר דריקען אוים אונזער דאַנק און אנערקענונג פאר גוטע און אונערמיעדליכע אַרבייט אין ברענטש צו אונזער פריינד סעם סיימאָן אלס האָספּיטעלער און אַקטיווער מיטגליעד אין ברענטש. מיר ווינשען איהם פיעל גליק אין זיין נייעם וואָהנונג; מיר האָפען, אַז ער וועט אויך ווייטער פאָרטזעצען זיין אַקטיוויטעט אין אַרבייטער רינג."

מיר באַדאַנקען אויך פריינד דוד מאַנעס פאַר זיין טעטיגקייט אַלס רעקאָרדינג סעקרעטער און טרעזשורער; מיר פּרעזענטירען איהם מיט אַ גאָלדענעם פאָונטיין פּען און מיר האָפען, דאָס ער וועט אויך אויף ווייטער פאָרטזעצען זיין אַקטיוויטעט אין אונזער ברענטש.

מיט אַ. ר. גרוס,
מאַקס מערער, סעקרעטער.



# פון אונזער קאָרעספּאָנדענץ־טיש



## רעפּאָרט פון דער דיסטריקט קאָמיטע פון קליוולאַנד.

דער 3 מאָנאַטליכער צוזאמענפאָהר איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין אירי, פּאַ., זונטאַג, דעם 3טען מאַרטש, אין די סאָציאַליסטישע העדקוואָדערס. דער מיטינג איז ערעפענט געוואָרען מיט פר. בעלענקאָף, פון בר. 414 אלס טשערמאַן. פּראָטאָקאָל פון לעצטען מיטינג גוט געהייסען. די סיטי קאָמיטע רעפּאָרטעט וועגען דער לעקטשור מיט פּ. הירשביין. אויס מאַנגעל אין צייט האָט ער נישט געקענט אָננעהמען פאר דעם גאַנצען דיסטריקט, נאָר אין קליוולאַנד האָט ער אָנגענומען איין לעקטשור. זיי האָבען אראַנזשירט א טעאַטער פארשטעלונג פאר די מלחמה ליידענדע וואס איז ליידער געווען א דורכפאַל. מ'גלויבט צוליעב בייטען דעם דייט.

די צוויי לעקטשורס מיט דר. גורעוויטש אין קליוולאַנד זיינען דיזען מאָל אויך נישט געווען ערפאָלגרייך איבער דעם, וואס דער רעדנער האָט נישט גוט געפיהלט און וואס די טעמאס זיינען נישט געווען אינטערעסאַנט גענוג צוצוציהען די מעמבערם. זיי באַריכטען אז זיי האָבען אַראַנזשירט אַ טעג־דעי פאר דעם 31טען מאַרטש אין קליוולאַנד, פאר די מלחמה ליידענדע; זיי האָבען אויך געשיקט א קאָמיטע קיין עליריע, אָהייאָ, אויסצוגעפינען צי איז נישט מעגליך צו גרינדען א ברענטש פון ארבייטער רינג. די קאָמיטע האָט רעפּאָרטעט אז עס איז נאָך צו פריה. זיי האַלטען אין אָרגאַניזירען א ברענטש אין לאָריין און גלויבען אז עס וועט זיך איינגעבען. זיי ווילען אויך באַזוכען אַנדערע שטעדט ארום קליוולאַנד אין דער נאָהענטער צוקונפט.

דער רעפּאָרט ווערט גוט געהייסען.

רעפּאָרט פון ברענטשעס: בר. 46 — זיי האָבען א מעמבערשיפּ פון 65. זיי האָבען אַ לאָון פאָנד אין ברענטש וואו יעדער מעמבער קען זיך לייהען 15 דאָלאר. זיי האָבען געמאכט אַ טעג־טאָג פאר די מלחמה ליידענדע, וואס האָט איינגעבראכט 289 דאָלאר.

בר. 79. — האָבען אַריבער 350 מעמבערם; האָבען געשטיצט א מעמבער מיט 8 דאָלאר א וואך פאר 9 מאָנאַט צייט און צו ענדע האָבען זיי בעשלאָסען איהם אַרויסצוהעלפען ער זאָל נישט דארפען געהן אין שאַפּ אַרבייטען. עס איז איהם איבערגעגעבען געוואָרען 200 דאָלאר ער זאל זיך מאַכען עפּעס א ביזנעס; זיי נעהמען אַ גרויסען אנטייל אין די קאָאָפּעראַטיווע בעקעריי; זיי האָבען אויס געליהען 250 דאָלאר צו די קאָאָפּעראַטיווע; זיי האָבען אויך אַ לאָון וואו יעדער מעמבער קען אויסלייהען 10 דאָלאר. פאר די ה קרבנות האָבען זיי איבערגעגעבען צו די דיסטריקט קאָמיטע.

ר. 375 — טוען גוטע ארבייט ווי ווייט מעגליך.

. 390 — האָבען א מעמבערשיפּ פון 75; האָבען געהאַט אַ ג און א באַל, וואס האָט אריינגעבראכט 125 דאָלאר פאר די מלחמה ליידענדע.

בר. 414 — האָט 52 מעמבערם. זיי האָבען אוועקגעשיקט א מעמבער אין סאַניטאַריום וואו ער איז געווען 6 וואָכען און נאָכהער האָבען זיי איהם געליהען געלד צו קויפען א פערד און וואָגען און ער מאכט אַ לעבען. זיי נעהמען אַ גרויסען אנטייל אין גרינדען א לייבאָר לייסעאום אין יאָנגסטאָון.

בר. 430. — האָבען א מעמבערשיפּ פון 92 און מאַכען גוטע פּאָרשריטע; האָבען אוועקגעשיקט א מעמבער אין א סאַניטאַריום ער זאל זיך קורירען.

בר. 463 — מאַכען גאַנץ פיינע פּאָרשריטע, זייער מעמבערשיפּ איז פאַרדאָפּעלט געוואָרען אין א קורצער צייט. זיי מאַכען א 7־יעהריגען יובילעאום און האָפּען אריינצוקריגען א גרויסע צאָהל מעמבערם.

בר. 587 האָט אַ מעמבערשיפּ פון 92; טוען גוטע ארבייט; האָבען געמאכט אן אונטערנעהמונג וואס האָט אריינגעבראכט 165 דאָלאר פאר די מלחמה קרבנות.

עס ווערט באַשלאָסען אז די דיסטריקט קאָמיטע זאל אויסגעפינען וועגען א ספּעציעלען טריין קיין פּיטסבורג און דאָס צו לאָזען וויסען צו אלע ברענטשעס פון דיעזען דיסטריקט. דער נעקסטער צוזאמענפאָהר זאל זיין אין איסט ליווערפּול, דעם 1טען זונטאַג אין דזשולייי.

צום שלום איז געמאַכט געוואָרען א פאָרשלאַג אז די דיסטריקט קאָמיטע זאָל פאָדערען פון די ברענטשעס 2 סענט פון א מעמבער פאר לויפענדע עקספּענסעס און מיט דעם האָט זיך דער צוזאמענפאָהר געענדיגט.

סעם קויפמאַן, דיסט. סעקרעטער.

נ. ב. פר. גאָס און פר. וואהלהענדלער מיט זייערע פאַמיליעס ווערען באדאַנקט פאר זייער אראַנזשירען דעם פּרעכטיגען סאַפּער, גלייך נאָכ'ן צוזאמענפאָהר.

---

## א טעות — בר. 577 איז אויך געווען אין כלל!

פר. ס. באַסקין, סעקרעטער פון בר. 198, האָבאָקען, נ. דזש., בעט אונז צו פאַררעכטען דעם טעות, וואס אין דעם באריכט פון דער האָדסאָן און בוירגען קאונטי וועגען דער ארבייט פון די בעיאָנער ברענטשעס פאר דעם 25 טויזענד דאָלאר פאָנד איז דורך אַ דרוק־פעהלער ארויסגעלאָזען געוואָרען דער בר. 577.

---

## 8־טע־יעהרליכע קאָנווענשאָן פון נואַרק סעמעטערי דעפּ.

די סעמעטערי דעפּאַרטמענט פון נואַרק, נ. דזש. האָט אָפּגעהאַלטען איהר 8טע־יעהרליכע קאָנווענשאָן, זונטאָג, דעם 26טען מאַי, 1918, אין לייבאָר אינסטיטוט.

פר. אָב. העק פון דער פאַרוואַלטונג ערעפענט די קאָנווענשאָן, ער נעמט פאָר וואַהל און פר. מורבאַך ווערט ערוועלט אלס טשערמאַן פון די קאָנווענשאָן און פר. שטיינבערג אַלס סעקרעטער.

עס זיינען פאַרטראָטען 16 ברענטשעס מיט 24 דעלעגאַטען און די קרעדענשעל קאָמיטע רעקאָמענדירט יעדען דעלעגאַט צוצולאָזען.

די דעלעגאַטען זיינען ווי פאָלגט:

סאַשינסקי, אורבאַך, גילמאַן, גינזבורג און מרס. טאַרנאָוו פון בר. 23; העק, שערמאַן, סיימאָן און ראָזענבוים פון בר. 107; קאַלטין און סילווערמאַן פון בר. 168; יאַנאָוויטש און מייזעל פון בר. 196; לין, אַשין, זאַקס, ראַבינאָוויטש און סענדער פון בר. 256; לערנער בר. 308; דזש. שטיינבערג בר. 387; וויינשטיין און האַקין בר. 451; שאַפּירא בר. 509; בלום בר.562; ס. קאָהען בר. 579. די סעמעטערי פאַרוואַלטונג זיינען פאַרטראָטען דורך העק און קאַפּלאַן; די אדיטינג קאָמיטע דורך אַלפערט און שטיין.

עס זיינען ניט געווען פאַרטראָטען די ברענטשעס 143 און 556.

דער רעפּאָרט פון פינאַנס סעקרעטער פר. רייזין פאַר די לעצטע פיער קוואַרטאַלען ווערט איינשטימיג אָנגענומען. פר. שטיין פון די פינאַנס קאָמיטע באַריכטעט, דאָס זיי האָבען אונטערזוכט די ביכער און געפונען אַלעס קאָרעקט. דער רעפּאָרט ווערט ג. ג.

דער בעסטער רעפּאָרט, פון וועלכען אַלע דעלעגאַטען זיינען געווען זעהר באַגייסטערט, איז געווען פון טשערמאַן פון דער פאַרוואַלטונג, פר. העק. ער האָט באַריכטעט, דאָס זיי האָבען געפיקסט דעם פענס ארום דער סעמעטערי פאַר 32 דאָלאַר, דאָס זיי האָבען אָנגעשטעלט אַ אידישען קיפּער און צאָהלען איהם 60 דאָלאַר אַ מאָנאַט. דעם קריסט פון פריהער האָט מען געצאָהלט 25 דאָלאַר, ער האָט אָבער גאָר ניט געטאָן. ער האָט ווייטער רעפּאָרטעט, דאָס איינינע פון די וועלכע זיינען ערוועהלט געוואָרען לעצטען יאָהר צו דער סעמעטערי דעפּאַרטמענט האָבען ניט אַטענדעט, און זיי האָבען געמוזט צוציהען נייע מעמבערם און אומבייטען דעם גאַנצען סטעף. אויך דאָס פון דזשולייי לעצטען יאָהר ביז דער קאָנווענשאָן דעם יאָהר האָבען מיר געהאַט 25 טויטען פעלע, פון די זיינען 7 פון אַנדערע שטעדט און 18 אונזערע.

ער באַריכטעט די איינצעלהייטען און די פאַרשיעדענע אינצידענטען וואָס האָבען זיך געטראָפען דורכ'ן יאָהר, צווישען אַנדערעם דערצעהלט ער וועגען אַ געוויסען פאַל מיט אַ פרוי מרס. שינאָז, וועלכע איז געשטאָרבען און האָט איבערגעלאָזט אַ צוואה, אַז מען זאָל זי באַערדיגען אויפ'ן אַרבייטער רינג סעמעטערי. דער טשערמאַן

האָט גלייך נאָכגעפרעגט ווער זי איז געווען, און האָט זיך איבערצייגט, אַז זי איז געווען אַ „בונדיסטקע” פאַר לאַנגע יאָהרען, און האָט איהר פאַרקויפט סעמעטערי.

אויך וועגען אַ מעמבער פון בר. 326, קעמערסוויל, נ. דזש. וועלכער איז דאָ געשטאָרבען. דער טשערמאַן האָט גלייך געשיקט אַ ספּעשעל דעליווערי אין דזש. אָפּיס און גלייך באַקומען אַן אַנטוואָרט פון פר. באַסקין, אַז דער מעמבער איז גוטשטעהענד און דאַן האָט מען געמאַכט די לויה.

ער ווייזט אויך אָן, דאָס זיי האָבען געמוזט בייטען דעם אָנדערטייקער. דער איצטיגער טשאַרדזשעט פיעל ביליגער און אַטענדעט בעסער.

די פאַרוואַלטונג האָט באַשלאָסען צו שיקען פּאָסטאַל קאַרדס צו די סעקרעטערע פון די ברענטשעס, און זיי זאָלען די זעלבע צושיקען צו די מעמבערס אום זיי זאָלען וויסען ווער דער נייער אָנדערטייקער איז.

די פאַרוואַלטונג האָט אויך באַשלאָסען אַיינצולאַדען 2 געסט צום באַנקעט, מ. נייטען שאָה און פר. סאַשינסקי, וועלכער האָט פיעל געטאָן פאַר דער פאַרוואַלטונג, און אויך דעם אָנדערטייקער גאָלדסטיקער.

ער רעקאָמענדירט אין נאָמען פון דער פאַרוואַלטונג, אַז יעדער מעמבער זאָל צאָהלען 3 סענט אַ קוואַרטאַל.

דער רעפּאָרט איז גוט געהייסען געוואָרען, און דער טשערמאַן איז באַדאַנקט געוואָרען פאַר זיין גוטע אַרבייט וואָס ער האָט געלייסטעט.

בר 23 רעקאָמענדירט, אַז מען זאָל ערוועהלען די פאַרוואַלטונג ביי דער קאָנווענשאָן און ניט דורך באַלאָטס ווי ביז איצט. נאָך אַ קורצען דורכרעדען זיך האָט מען עס גענומען צום אָפּשטימען, און עס זיינען געווען 12 דאַפיר און 9 דאַגעגען.

בר. 23 רעקאָמענדירט אויך, דאָס די קאָנווענשאָנס זאָלען אָפּגעהאַלטען ווערען יעדע 2 יאָהר און ניט יעדען יאָהר. די רעקאָמענדיישאָן ווערט ניט אָנגענומען. עס ווערט אַיינשטימיג באַשלאָסען, אַז די קאָנווענשאָנס זאָלען אָפּגעהאַלטען ווערען יעדען יאָהר.

אַ צושריפט פון בר. 50 פאַרלאַנגט, אַז מיר זאָלען זיך פאַראייניגען מיט זיי בלויז מיט סעמעטערי. עס ווערט אויפגעהויבען אַ הייסע דעבאַטע. עס ווערט באַשלאָסען, אַז די פאַרוואַלטונג זאָל אונטער געוויסע אומשטענדען מיט זיי זיך פאַראייניגען.

עס ווערט פאַרהאַנדעלט די פראַגע וועגען באַערדיגען קינדער עלטער פון 18 יאָהר. נאָך אַ לאַנגער דעבאַטע ווערט באַשלאָסען, דאָס מיר זאָלען באַערדיגען קינדער ביז 20 יאָהר.

עס ווערט געמאַכט נאָמיניישאָן פאַר דער פאַרוואַלטונג, און פאָלגענדע האָבען אָנגענומען:

א. העק בר. 107; האקין בר. 154; זאַקס בר. 256; שאַפּיראָ בר. 509; דזש. קאַלסין בר. 168; מ. ראַבינאָוויטש בר. 256; ב. גילמאַן בר. 233; לערנער בר. 308; בלום בר. 562.

אַלס אוידיטאָרס: אַלפערט, שטיין און רייזין.

צום וואָהל און בעסטען שלאָגט פאָר פר. לין פון בר. 256, אַז דער טשערמאַן פון דער סעמעטערי פאַרוואַלטונג, זאָל פּרעזענטירט ווערען מיט אַ פּרעזענט פאַר זיין גוטע אַרבייט. דער פאָרשלאַג ווערט אָנגענומען, און עס ווערט באַשלאָסען דאָס איבערצוגעבען צו דער פאַרוואַלטונג אַז זי זאָל קויפען דעם פּרעזענט פאַר'ן טשערמאַן.

נאָך אַ פרעהליכען און אינטערעסאַנטען באַנקעט מיט פר. אַלפערט אַלס טאָוסט־מייסטער ווערט די קאָנווענשאָן געשלאָסען.

דזש. שטיינבערג, סעקרעטער.

---

## באַריכט פון האַלב־יעהרליכען קאָנפערענץ, פון וויסקאָנסין סטייט אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע.

זונטאָג, דעם 30טען דזשון, 1918, האָט די וויסקאָנסין סטייט אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע אָפּגעהאַלטען איהר האַלב־יעהרליכען קאָנפערענץ אין סאָשעליסט האָלל, קענאָשאַ, וויסק.

פאָלגענדע ברענטשעס זיינען געווען פאַרטראָטען: 166, 269, 425, 432, 454, 479, 484, 549 דורך 8 דעלעגאַטען; די סיטי קאָמיטע פון מילוואָקי דורך 3 דעלעגאַטען. צוזאַמען 11 דעלעגאַטען.

פר. קאַלינסקי פון בר. 454 פון קענאָשאַ ווערט ערוועהלט אַלס טשערמאַן, און פר. ס. פלאַווניק פון בר. 432, רעסין, אַלס סעקרעטער. עס ווערען פאַרגעלעזען 2 צושריפטען פון דזשענעראַל אָפּיס; אײנער וועגען דער באַקאַנטמאַכונג פון דער פאַראייניגונג פון בר. 549 מיט בר. 484, און דער צווייטער וועגען דעם קאַמפּיין פאַר נייע 70,000 מעמבערס צו דער נעקסטער קאָנווענשאָן; אויך וועגען דעם מיליאָן דאָלאַר פאָנד פאַר דער סאָציאַליסטישער פאַרטיי.

דער ערשטער צושריפט ווערט אָהן דעבאַטען ג. ג. וועגען צווייטען צושריפט הויבט זיך אויף אַ גאַנץ לעבהאַפטע דיסקוסיאָן, און נאָך אַ לאַנגער דעבאַטע ווערט פאַשלאָסען, אַריינצוואַרפען זיך מיט דער גאַנצער קראַפט און ענערגי פאַר דעם דאָזיגען קאַמפּיין צו שאַפען די 70,000 טויזענד מעמבערס. עס ווערט געגעבען פול פאַור דער סיטי קאָמיטע, אַז זי זאָל זעהן אויסצונוצען יעדע געלעגענהייט און מעגליכקייט, ווי אויך די פעהיגקייט וואָס זי פאַרמאָגט אום דעם קאַמפּיין צו מאַכען וואָס מעהר סוקסעספול.

וועגען דעם מיליאָן דאָלאַר פאָנד פאַר דער סאָציאַליסטישער פאַרטיי ווערט באַשלאָסען, אַז די סיטי קאָמיטע זאָל אַרויסשיקען סובסקריפּשאָן ליסטען צו אַלע ברענטשעס פון סטייט, ווי אויך אַראַנזשירען פאַרשיעדענע אונטערנעמונגען, און זעהן צו שאַפען וואָס אַ גרעסערע סומע געלט.

די באַריכטען פון די ברענטשעס זיינען, אַז זיי נעהמען אַריין נייע מעמבערס, האָבען פאַרשיעדענע פאָנדען, ווי לאָאן־פאָנדס, סיק בענעפיטס, אַראַנזשירען פאַרשיעדענע ליטעראַרישע און מוזיקאַלישע אווענדען, ווי אויך דיסקוסיאָן־מיטינגען איבער פאַרשיעדענע פראַגען וועלכע שטעהען היינט צו טאָג אויפ'ן טאַגעס אָרדנונג, נעמען אַן אַקטיווען אַנטייל אין דער פּיפּעלס רעליעף קאָמיטע, און רעאַגירען אויף יעדער ערשיינונג אין דער אידישער גאַס.

אין אַלגעמיין שטעהען די ברענטשעס אין אַ גוטען און ערפרעהענדען צושטאַנד, סיי מאָראַליש און סיי פינאַנציעל.

עס ווערט אויך באַשלאָסען, אַז צוליעב דער איצטיגער געדריקטער לאַגע אין לאַנד, דאַרפען זיך די מעמבערס אָנשטרענגען און אויף ווייטער אָנהאַלטען דעם גוטען צושטאַנד פון די ברענטשעס, ווי אויך זעהן צו מאַכען דעם קאַמפּיין פאַר די נייע מעמבערס מעהר סוקסעספול, און אַרויסצוהעלפען די סיטי קאָמיטע אין איהר שווערער אַרבייט, צו האָבען מאָנאַטליכע מיטינגען פון דער גאַנצער אָרג. קאָמיטע פון סטייט. אויך זעהן אַרויסצוגעבען אַ זשורנאַל אום מיטצוטיילען דער גאַנצער מעמבערשיפ פון סטייט וועגען דער טעטיגקייט פון דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע. עס ווערט אויך באַוויליגט דער פאַרלאַנג פון בר. 454 צו פירען פאַרהאַנדלונגען מיט בר. 432 וועגען פאַראייניגען זיך.

פאָלגענדע בעאַמטע ווערען ערוועהלט פאַר דעם נעקסטען האַלב יאָהר: פר. א. ראַסקין פון בר. 166 אַלס פינאַנס און קאָרעספּאָנדינג סעקרעטער, פר. ספּעקטאָר בר. 484 אַלס רעקאָרדינג סעקרעטער און פר. וואָלפערט בר. 549 אַלס טרעזשורער. נאָכדעם ווי די אויבענדערמאָנטע בעאַמטע ווערען ערוועהלט ווערט די קאָנפערענץ געשלאָסען פון טשערמאַן מיט די בעסטע ווינשונגען און האָפנונגען צו זעהן אונזער גרויסען בעליעבטען אַרבייטער רינג אין אַלגעמיין און ספּעציעל וויסקאָנסין סטייט אין אַ גוטען און בליהענדען צושטאַנד.

נאָך דער קאָנפערענץ ווערט געגעבען אַ גרויסאַרטיגער באַנקעט פאַר די דעלעגאַטען אַראַנזשירט פון קענאָשער בר. 454 פאַר וועלכען אַ ספּעציעלען דאַנק קומט די ברידער קאַלינסקיס, מרס. קאַלינסקי און פר. קראַנין. עס ווערט אויך געמאַכט אַ קאָלעקשאָן וועלכער טראָגט אַריין 10.00 דאָלאַר פון וועלכע 5.00 דאָלאַר ווערט אַוועקגעשיקט דזשענעראַל אָפּיס פאַר די מלחמה ליידענדע און די איבעריגע 10.00 דאָלאַר ווערט איבערגעגעבען צו אַ געוועזענעם פריינד פון אַ. ר. וועלכער איז איצט קראַנק, און די פאַמיליע ליידעט נויט.

וויסקאָנסין סטייט קאָנפערענץ
ס. פלאַווניק, סעק.

---

דער יאָנג אַמעריקאַן ברענטש נומ. 227 א. ר. שיקאַגאָ, מאַכט אויפמערקזאַם אויף דעם פאַקט, דאָס עס זיינע, פאַראַן פיעלע פּראָגרעסיווע יונגע לייט אין אונזערע קרייזען, וואָס פאַרשטעהען ניט קיין אידיש און וואָלטען דאָך וועלען זיין מעמבערס פון דעם אַרבייטער רינג. ער בעט דעריבער אַלע אַרבייטער רינג מעמבערס אין שיקאַגאָ, וואָס טרעפען זיך אָן מיט אַזעלכע ערשיינונגען אָנצוּווייזען אויף דעם יאָנג אַמעריקאַן ברענטש אַלס אַזעלכען אין וועלכע די געשעפטסאַנגעלעגענהייטען ווערען דורכגעפיהרט אין

ענגליש און באַשטעהט פון א יונגען פּראָגרעסיווען עלעמענט. דער אַדרעס פון סעקרעטער איז: מאָריס בראַון, 1242 סאוטה אַלבאַני עוועניו, שיקאַגאָ, אילל.

## אידישע יוגענד, בראַנטש 506 א. ר.

אויף א מיטינג פון בר. 506 א. ר. איז פאָלגענדע רעזאָלוציאָן איינשטימיג אָנגענומען געוואָרען:

מיר האָבען אויפגענומען די אָפיציעלע ענגלישע דעקלאַראַציע, דאָס אָנבאָטען פּאַלעסטינא צום אידישען פאָלק, מיט גרויס פרייד. דאָס מיינט די אָנערקענונג פון די אידען אַלעס א פאָלק, מצד איינער פון די גרעסטע נאַציאָנען אויף דער וועלט. מיר דענקען, אַז פּאַלעסטינא קאָן קאָלאָניזירט ווערען אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות, נאָר דאַן, ווען דער אידישער פּראָלעטאַריאַט וועט זיך אַקטיוו באַטייליגען אין דער בויאונגס ארבייט. אונזער וואונש איז, אַז די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו פון א. ר. זאָל שיקען דעלעגאַטען צו דער געפּלאַנטער נאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער קאָנווענשאָן. און אויך ארויסשטעלען אויפ'ן טאָגעס-אָרדנונג פון דער 18טער קאָנווענשאָן, פּאַלעסטינא און די אידישע ארבייטער.

ח. פּערעלמאַן, סעקרעטער.

## האָראָשקער ראַדיקאַלער בראַנטש 534 א. ר.

בראַנטש 534 פילאַדעלפיא מוז צום באַדויערען פאַרעפענטליכען די אונאַנגענעהמע פּאַסירונג פאַר אַלע בראַנטשעס פון א. ר. דאָס א מעמבער פון אונזער בראַנטש דייוו ליפּאָווסקי, האָט דירעקט איבערגעטראָטען די געזעצע פון א. ר. דערמיט וואָס ער האָט אונפאַרשעהמטערהייט געבראָכען דעם סטרייק פון די סוט-קייס מייקער יוניאָן, צו וועלכע ער האָט אויך באַלאַנגט אַלס א מעמבער, מאַכענדיג מיט דער פירמע, „קרעמער און שער", א קאָנטראַקט און אַנשטעלענדיג שוואַרצע אויף די פּלעצער פון די סטרייקערס. אויף דיזען אופן האָבען 16 פאַמיליען-לייטע, יוניאָן מעמבערס, פאַרלאָרען זייערע דזשאָבס, וועלכע געפינען זיך איצט אָהן מיטלען צום לעבען.

קריגענדיג אַלע פאַקטען און באַווייזע, וועלכע זאָגאַר דער אונפאַרשעמטער מעמבער זעלבסט האָט ניט אָפּגעלייקענט, האָבען מיר באַשלאָסען, בייס לעצטען מיטינג פון אונזער בראַנטש, דאָס ער מוז באַצאָהלען א שטראָפע אין דער סומע פון 99.99 דאָלאַר, זאָנסט ווערט ער אויסגעשלאָסען אַלס א מעמבער פון אונזער בראַנטש.

עקזעקוטיוו באָארד, בר. 534 א. ר.
י. רודניצקי, סעקרעטער.

## כעלעמער בראַנטש 585 א. ר.

ביי א ספּעציעלען מיטינג פון כעלעמער בראַנטש 585 א. ר. אָפּגעהאַלטען דעם 24טען מאַי, 1918, איז באַשלאָסען געוואָרען צו פאַרעפענטליכען א הערצליכען „זייַ געזונד" די פריינדע ס. וויינטראוב, מעמבער פון אונזער בראַנטש ווי אויך ה. פּלאָוג, עקס-מעמבער פון אונזער בראַנטש און איצטיגער מעמבער פון בר. 474 א. ר. וועלכע פאַרלאָזען אונז צום דיענסט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

דער בראַנטש דריקט אויס די בעסטע ווינשע צו די פריינדע און ווינשט זיי א גליקליכע רייזע ווי אויך צוריקצוקומען געזונד מיט די קרוינען פון זיגע פאַר די עליים.

דער בראַנטש האָט פּרעזענטירט די פריינדע מיט זילבערנע האַנד-וואַטשעס.

פ. נאַכטמאַן, ב. באָקלער, י. אַדלער,
רעזאָלוציאָנס קאָמיטע.

## ערקלעהרונג.

צו אונזער גרויסען באַדויערען זיינען אין דעם צווייטען טייל געאָלאָגיע פון דר. אַב. קאַספּע אַריינגעפאַלען איניגע פאַרדריסליכע דרוק-טעות'ן, וועלכע וועלען ווערען אויסגעבעסערט אין דער צווייטער אויפלאַגע.

די עדיוקיישאַנאַל קאָמיטע פון א. ר.
י ר רייליז. סעקרעטער.

## צו אַלע סיטי און דיסטריקט קאָמיטעען.

ווערטהע פריינדע:

די נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע האָט דיזען יאָהר אונטערגענומען פאַרשיעדענע אַרבייטען פאַר די אינטערעסען פון אונזער אָרגאַניזאַציאָן, און די ערשטע צוויי קאַמפּיינס, און וועלכע זי טרעט אַרויס גלייך ביים אָנפאַנג פון איהר אַריינטרעט אין אָפיס, וועלען זיין:

1. קאַמפּיין פאַר 70,000 מעמבערס ביז נעקסטען קאָנווענשאָן.
2. צו העלפען דעם איין מיליאָן דאָלאַר פאָנד קאַמפּיין פאַר דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

די אַרבייטער רינג בראַנטשעס, ווי אויך די איינצעלנע מעמבערס, האָבען ביז איצט אַרויסגעצייגט וואונדערבאַרע פאַרבערייטקייט צו העלפען דער עקזעקוטיווע אין אַלע איהרע אַרבייטען, און מיר ווילען האָפען, אַז אויך דיזען יאָהר וועלען די בראַנטשעס און איבערהויפּט די סיטי און דיסטריקט קאָמיטעען, מיטהעלפען דער עקזעקוטיווע אין אַלע איהרע אונטערנעמונגען.

דער קאַמפּיין פאַר דעם מיליאָן דאָלאַר פאָנד מוז גלייך אָנגעפאַנגען ווערען, און אָנגעפאַנגען ווערען מיט גרויס מוטה און ענערגיע. אום צו געפינען די פּאַסענדסטע און בעסטע מיטלען ווי צו שאַפען וואָס מעהר געלד, ראַטהען מיר אייך, איהר זאָלט גלייך פאַררופען קאָנפערענצען פון די בראַנטשעס, וועלכע געפינען זיך אין אייערע טעריטאָריען, און פאַרהאַנדלען דיזע פראַגען.

מיר האָפען, אַז איהר וועט זיך גלייך נעהמען צו דער ארבייט און מיר זיינען זיכער, אַז מיט אייער מיטווירקונג און מיט די הילפע פון אונזער ברייטער מעמבערשיפּ, וועלען מיר אונזערע ציעלען ער-רייכען. רופט די קאָנפערענצען וואָס פריהער. די צאָהל דעלעגאַטען קאָנט איהר באַשטימען אַליין, לויט די לאָקאַלע אומשטענדען.

מיט די האָפנונג, אַז איהר וועט טאָן אַלעס וואָס איז נאָר אין אייערע קרעפטען צו מאַכען דיזע קאַמפּיינס פאַר אַן ערפאָלג, און ווינשענדיג אייך דעם ערפאָלג, פאַרבלייבען מיר,

מיט פריינדליכען גרוס,
נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו קאָמיטע, א. ר.
י. באַסקין, סעקרעטער.

## בריף-קאַסטען

ח. פּערעלמאַן, וויניפּעג: צוליעב דעם בייטען זיך פון דער רעדאַקציע פון „פריינד" איז אייער רעזאָלוציע פאַרלעגט געוואָרען און איז ערשט געפונען געוואָרען. מיר דרוקען איהר אין דיזען נומער, כאָטש עס איז שוין נאָך דער קאָנווענשאָן, וועלענדיג געבען אייך א מעגליכקייט אויסצודריקען אייער מיינונג.

ב. סילווערמאַן, מייוואוד: ערשט אין פאַריגען „פריינד" האָט פר. פּאָפּערנא פון אייער בר. געהאַט א לאַנגע קאָרעספּאָנדענץ, וואו עס זיינען שוין געבראַכט געוואָרען אַלע פאַקטען, וואָס איהר שרייבט אונז. מיר ווילען אייך דאַרום בעטען אונז שרייבען א צווייטען מאָל, ווען עס וועלען זיך אָנקלייבען נ י י ע פּונקטען און מיר וועלען עס מיט פאַרגעניגען דרוקען. דיזע קאָרעספּאָנדענץ אָבער, איז איינפאַך א י ב ע ר י ג צו דרוקען. יעדענפאַלס א דאַנק אייך.

בן-נץ, דעטראָיט: אייערע פייגעלאַך זינגען און פּישטשען גאַנץ שעהן אין אייער ליעדעל. זיי שפּרינגען אָבער אויך, נו, זיינען זיי אַריינגעשפּרונגען אין רעדאַקציאָנס-קאָרב...

מאָררים פּער—סקי, ברוקלין: שוואַכליך, פּרואווט זיך פּעעס אַנדערש.

מלכה טוזמאַן, גרענד ראַפּידס: שיקט אונז אייער אַדרעס. מיר האָבען איהם פאַרלאָרען.

צו אונזערע קאָרעספּאָנדענטען: אויב איהר זעהט ניט אין דעם נומער אייער קאָרעספּאָנדענץ איז עס צוליעב מאַנגעל אין פּלאַץ און עס וועט אריינגעהן אין איינעם פון די נעקסטע נומערן

SEPTEMBER, 1918




OFFICIAL ORGAN OF THE WORKMENS CIRCLE.

# THE FRIEND

OFFICIAL ORGAN OF THE WORKMEN'S CIRCLE

Published Monthly

Office of Publication:
62 Van Buren St. Passaic, N. J.

General Office:
175 E. Broadway, New York, N. Y.

Subscription Rates:
Per Annum, 50c. Six Months, 25c.
Single Copy, 5 cts.

Entered as second class matter April 21, 1911, at the Post Office at Passaic, New Jersey, under the Act of July 16, 1914.

# THE FRIEND  דער פריינד

Vol. IX. SEPTEMBER. 1918 No. 9


# פון מאָנאַט צו מאָנאַט

**דער צוזאמענפאָהר פון די ג. ב. און ד.**

אין דיזען נומער געפינען זיך די פּראָטאָקאָלען פון די זיצונגען פון דער נאציאָנאַלער באָארד פון די דירעקטאָרען, די העכסטע אינסטאנץ פון ארבייטער רינג. דער צוזאמענפאָהר האָט אין א געוויסער מאָס אָפּגעשפּיגעלט די לעצטע פּיטסבורגער קאָנווענשאָן. ער איז אויך א דורכגעגאנגען שטיל און זאכליך און האָט פארהאנדעלט די לויפענדע פראגען פון ארבייטער רינג מיט אלע שפּורען פון א געזעצטער און קיהלער אטמאָספערע.

עס איז אָבער א י ן אויסערגעוועהנליכע דעבאטע יע פארגעקומען אויף דיזען שטילען צוזאמענפאָהר און דאָס איז וועגען דער עקזיסטענץ־בארעכטיגונג פון דעם נאציאָנאלען באָארד אליין: צו איז דאָס א לעבענסנויטיגע אינסטיטוציאָן וואָס איז ארויסגערופען פון אן ארגאנישער נאטירליכער ענטוויקלונג, אדער דאָס איז עפּעס א צוגעטשעפּעטע אָרנאמענטאלע באפּוצונג פון א שעהנעם קלינגענדיגען נאָמען. אין דיזער זעלבסט קריטיקירענדער דעבאטע האָט זיך נאטירליך בולט'ער אויסגעטיילט די פיזיאָנאָמיע פון דעם נאציאָנאלען באָארד און זיינע ספּעציעלע שטריכען. עס זיינען אָנגעוויזען און קלאָרער פעסטגעשטעלט געוואָרען זיינע פונקציאָנען און טעטיגקייטען, אזוי דאָס קיין שאָטען פון צווייפעל איז ניט געבליבען, דאָס דער נאציאָנאלער באָארד פון אונזערע דירעקטאָרען איזווירקליך די העכסטע אינסטאנץ. איהר ראָלע איז ניט נור די פון א דיסטריקט אגענטור, נאָר שפּיעלט טאקע אויך די קאָנטראָלירענדע מאכט פון אן אינסטיטוציאָן, וועמענס פארטרעטער עס קומען פון פאשיעדענע ווינקלען פון לאנד. דער עצם פאקט פון דער דיסקוסיאָן אָבער איז כאראקטעריסטיש פאר דעם ארבייטער רינג און פאר זיין אידעאַליסטיישען כאראקטער. וואָלט עס דען געקענט טרעפען אין א זעלבסטאטישען אָרדען אזא זאך, דאָס איינע פון איהרע פארוואלטונגס־אינסטיטוציעס זאָל זיך אליין, אָהן דער אריינמישונג פון אן אנדער קאָמיטע, אריינלאָזען אין אן אנאליטישער זעלבסט־קריטיק און שטעלען אונטער אן אלגעמיינער פראגע צייכען איהר עקזיסטענץ־בארעכטיגונג?

* * *

**הונדערט דרייצעהן און הונדערט דרייסיג**

דער בונדיסטישער ברענטש 75 איז שוין אויס יחסן. אס וועניגסטעגס אין דער ארבייט פאר'ן מיליאָן דאָלאר פאָנד. ניט זעהר קיין גרויסער ברענטש, און דוקא אין א קליין שטעדטעל, האָט זיך פארמאָסטען גלייך מיט איהם. ברענטש 11 פון ווילקעסבאר, פּענ. האָט צוגעשיקט 100 דאָלאר פאר'ן מיליאָן דאָלאר פאָנד מיט דער לאקאָנישער באמערקונג דאָס, „נאָך וועט קומען". דער זעלבער ברענטש האָט אפילו אויך א גו־טען רעקאָרד אין זיין אויסגעצייכענטע ארבייט פאר די מלחמה־קרבנות, אָבער יעצט האָט ער זיך אליין איבערגעשטיגען. פארהעלטענמעסיג, אָבער, האָט די גרעסטע אָנשטרענגונג פאר'ן מי־ליאָן דאָלאר פאָנד געמאכט דער ברענטש 130 א קליין און שוואך ברענטשעלע אין בראָנזוויל. ווי קליין און אונבאדייטענד זיין צאָהל איז האָט ער דאָך שוין באוויזען אריינצושיקען 31 דאָלאר פאר'ן פאָנד, מיט כמעט אן ענטשולדיגונג פאר אזא קליינע סומע... וואָלטען אלע נאָכגעטאָן ברענטש הונדערט ד ר י י צ ע ה ן אָדער ברענטש הונדערט ד ר י י ס י ג וואָלטען מיר שוין ווייט, ווייט איבער אונזער „קוואָטא" געוועו. צום באדויערען אָבער האָבען זיך נאָך פיעלע פון אונזערע ברענטשעס ניט געכאפּט זיך, דאָס די צייט שטעהט ניט אויף אן אָרט, דער ליידענשאפטליכער, און אָהן שום צווייפעל ביטערער קאָנגרעשיאָנאל קאמפּיין, האלט זיך שוין ביים פאנאנדערוויקלען. בלאָקען און פאראייני־גונגען פון די דעמאָקראטען און רעפּובליקאנער קומען שוין פאר אין כמעט אלע ערטער, וואו סאציאליסטען האָבען נאָר אן אויס־זיכט צו געווינען און פיעלע פון אונז האָבען נאָך ניט אָנגעהויבען צו ערפילען די פליכטען צו אונזער קלאס און צו אונזערע פּרינ־ציפּען. דארף מען נאָך ווירקליך אפילו אין די איצטיגע צייטען קלאפּען אין פּויקען און שטורמען מיט טרומייטען, דאָס א קאמף קומט אָן? א קאמף, פיליכט דער וויכטיגסטער, וואָס דער פּאָ־ליטיש אָרגאניזירטער ארבייטער קלאס האָט ווען עס איז געהאט אין דיעזען לאנד!

מיר צווייפלען ניט אין די פּרינציפּען־פעסטקייט פון אונזע־רע ברענטשעס און אין זייער איבערגעגעבענהייט צו די אינטערע־סען פון ארבייטער קלאס. אָבער יעדען מאָל ווען מיר באגעגנען זיך מיט אזעלכע אויסגעצייכענטע האנדלונגען, ווי די פון בר. 113 און 130 פארדריסט אונז, וואָס ניט אלע אונזערע ברענ־טשעס האָבען אזא שארף ענטוויקעלטען קלאסען־חוש, וואָס ניט אלע האלטען אָן דעם שנעלען פּאָרווערטס־מארש. און די צייט מיט איהרע פאסירונגען לויפט דאָך יעצט א ז ו י בליץ־שנעל...

* * *

**דער רעפערענדום און די באשליסע**

עס איז שוין לאנג אנערקענט געוואָרען, דאָס זומער־צייט איז די אונפּאסענדסטע צייט דורכצופיהרען רעפערענדומס, ווייל די היצען דערלאָזען נישט צו קיין גוט־באזוכטע מיטינגען און ממילא באטייליגען זיך א קלענערע צאָהל מיטגליעדער אין דער אָפּ־שטימונג. צוליעב דעם, וואָס מיר זיינען איינגעוואוינט צו האָבען אונזערע קאָנווענשאָנס אין מאי קומען פאָר די רעפערענ־דומס אין דזשון און דזשולייי און ביז וואנען מיר וועלען נישט ענדערן די צייט פון אונזערע קאָנווענשאָנס, אדער ביז וואנען

מיר וועלען נישט אָבלעגען אונזערע רעפערענדום־אָפּשטימונגען אויף קיהלערע מאָנאַטען קענען מיר נישט ערוואַרטען, דאס די באַטייליגונג אין דער אָפּשטימונג זאָל זיין אַ גרויסע. זאָלען זיך דעריבער אונזערע פריינדע נישט וואונדערען, ווען זיי וועלען לעזען אין דיעזען נומער די רעזולטאַטען פון דער רעפערענדום אָפּשטימונג און זיי וועלען זעהן, דאָס עס האָבען זיך נור באַטייליגט אין דער אָפּשטימונג פון פינף ביז זעקס טויזענד מיטגליעדער. פאַרקעהרט, פאַר דיעזע גיהנום־מאָנאַטען איז אַזאַ צאָהל אַ בעדייטענד גרויסע און אַן ערמוטיגענדע. אַ היבשע צאָהל ברענטשעס מיטען אינגאַנצען נישט אין דיעזע צוויי מאָנאַטען און די צאָהל פון 342 ברענטשעס, וואָס האָבען אַריינגעשיקט זייערע באַלאָטס איז דעריבער אויך נישט אַזאַ קליינע, ווי עס קען זיך אויסדוכטען אויפ'ן ערשטען קוק. פאַרגלייכען מיר דיעזע צאָהלען מיט די פריהערדיגע זומער־רעפערענדומס באַקומט זיך אַן ערפרעהענדע ערשיינונג: אַן ערך פון טויזענד מיטגליעדער האָבען זיך דיעזען מאָל מעהר באַטייליגט ווי לעצטען זומער.

אַלע פאָרשלעגע פון דער קאָנווענשאָן זיינען דורכגעגאַנגען. די עלטער־גרעניץ אין אונזער אָרדען איז איבערגערוקט געוואָרען מיט פינף יאָהר ווייטער, וואָס דאָס מיינט אַ נייע ברייטע פעלד פון טעטיגקייט אויף דעם געביט פון פאַרגרעסערען אונזער מיטגליעדערשאַפט. און אַזוי ווי דאָס געהט גלייך אַריין אין קראַפט מעג דיעזע פּאָזיציע דיענען פאַר די ערשטע שטורעם־אַטאַקע פון אונזערע געקליבענע טוער אויף די ערטער. פאַר וואָס זאָל טאַקע דיעזער סעפּטעמבער מאָנאַט נישט זעהען עטליכע טויזענד נייע מיטגליעדער אין די יאָהרען פון 40 ביז 45 אין אונזערע רייהען? פאַר וואָס נישט אַריינברעכען זיך מיט אונזער גאַנצער קראַפט גלייך אין אָ נ ה ו י ב פון דעם זיבעציג טויזענד מיטגליעדער קאַמפּיין און אָנהאַלטענדיג דעם שטאַרקען שוואונג פאַרענדיגען דעם יאָהר מיט אַ פאָלשטענדיג געקרוינטען ערפאָלג?

ארויס צום פראָנט, ענערגישע טוער, עס בלאָזט דער טראָמפּייט!

* * *

**די צוויי סענט און זייער באַדייטונג.**

עס איז ביי קיינעם קיין צווייפעל נישט געוועזען, דאָס דיזעלבע מיטגליעדערשאַפט, וואָס האָט צוויי מאָל אָפּגעגעבען איהר שטימע פאַר אידישע א. ר. קינדער־שולען וועט אויך מרוצה זיין צו שאַפען אַ פאָנד פאַר ריעזען צוועק, מיט וועלכען מ'זאָל זיך קענען נעהמען צו דער ארבייט. עס איז אָבער קיינעם, אפילו פון די גרעסטע אָפּטימיסטען נישט איינגעפאַלען, דאָס עס וועט אַדורכגעהן דער מאַקסימום־פאָרשלאַג, דאָס פון איין פעני און צוויי פענים זאָל ווערען אָנגענומען צ ו ו י י פענים. דיעזער באַשלוס האָט אין זיך צוויי באַדייטונגען, וועלכע מ'מעג פון צייט צו צייט דערמאָנען. דאָס צייגט יענע פאַר'עקשנ'טע פריינד, וואָס האָבען זיך שטענדיג אָקעגען־געשטעלט דער א. ר. שול־באַוועגונג, דאָס זיי זיינען אָפּגעדיסען פון אונזערע מאַסען און ווייסען נישט זייערע נויטען און קולטורעלע באַדערפניסען. עס איז אָבער נאָך מעהר ווי דאָס: עס איז איינפאַך אַ ב אַ פ ע ה ל צו דער עקזעקוטיוו קאָמיטע ב כ ל ל און צו דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע ב פ ר ט צו נעהמען זיך וואָס שנעלער צו דער ארבייט. און אונז דוכט זיך, דאָס, ווען עס וואָלט געגאַנגען אויפ'ן באַלאָט דריי אָדער פ י ע ר סענט וואָלט אויך די ג ר ע ס ט ע סומע אַדורכגעגאַנגען, ווייל סוף־כל־סוף דערפיהלט אונזער מאַסע מיט איהר געזונדען נאָרמאַלען חוש, וואו צו קמצנ'ן, איינשפּאָרען און זיין איינגעהאַלטען מיט דער פעני און וואו צו שפּיעלען די ראָלע פון אַ ברייטען בעל־הבית, מיט אַ רחבות'דיגער נאַטור און אַ פרייער אָפענער האַנד. און נישט נור מיינט זי דערמיט צו זאָגען, דאָס פאַר דיעזע ארבייט איז זי גרייט צו געבען וויפיעל מ'דאַרף, נור וויל טאַקע א ו נ ט ע ר א י י ל ע ן, צ ו ז אָ ג ע ן, ווי זי וואָלט זאָגען: אַ סוף, אַן עק, נאָט אייך אַזוי פיעל, וויפיעל איהר האָט אַפילו אַליין נישט ערוואַרטעט, אָבער לאָמיר עפּעס זעהן מ ע ש י ם.

אין פיעלע ערטער, וואו אונזערע מיטגליעדער האָבען שוין נישט געקענט אַריבערטראָגען פון איין זייט די ענגהערציגע און שמאָלקעפּיגע ערציהונג פון פּאָבליק־סקוהל און פון דער צווייטער זייט די יאַרמולקע־פאַרשמאָלצענע תלמוד־תורה ערציהונג פון אַ פעטיש־ארבע־כנפות אויפ'ן וואַנד און אַ נוקם ונוטר'דיגען רבונו־של־עולם אויפ'ן הימעל — האָבען זיי שוין אַליין, אָהן קיינעמס הילפע שולען געגרינדעט. אַליין, אָהן ערפאַהרונג, אָהן פאַסענדע לעהרער און לעהר־ביכער, אָפטמאָל אַפילו נישט האָבענדיג קיין פאַסענדען לאָקאַל, נור אין אַ פּ ר י ו ו אַ ט ע הויז האָט מען זיך געפּרובט אָפּראַטעווען די פאַרשמאַכטע און האַלב דעמאָראַליזירטע קינדער אין דער פאָרמע פון אַ צוקאַליעטשעטער שולע. אין אַנדערע ערטער איז אָבער געלונגען אונזערע ברענטשעס אוועקצושטעלען שולען אויף אַ סאָלידען באָדען, מיט מעהר אָדער וועניגער סיסטעמאַטישער אונטערריכט און גוט־באַצאָהלטע לעהרער.

די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָפט, דאָס מיט דעם פאָנד, וואָס עס וועט זיך אָנקלייבען פון די צוויי־סענטיגע אַ קוואָרטעל וועט זי קענען גלייך אָנהויבען אַ טעטיגע באַוועגונג אין ניו יאָרק צו גרינדען עטליכע שולען. עס ווערט געפּלאַנט צו רופען שול־קאָנפערענצען דעם 8טען סעפּטעמבער אין האַרלעם, דאַון־טאַון און וויליאַמסבורג, וואו עס וועלען געלעגט ווערען די ווינקעל־שטיינער פאַר דיעזער ארבייט.

די פּראָווינץ וועט אויך קריגען איהר חלק אין ראַהמען, וועלכע עס איז נאָך דערווייל שווער קלאָר אָנצוצייכענען. די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע אָרגאַניזירט דערווייל אַ פעדאַגאָגען־ראַט פון אויטאָריטעטען און לעהרער צו באַהאַנדלען גרינדליך אַלע שול פּראָבלעמען, וואָס וועלען ווערען ארויסגערופען. זי איילט זיך אויך צו מיט די פאַרבערייטונגען ארויסצוגעבען די כרעסטאָמאַטיע.

אָט אַזוי טרעטען מיר אַריין אין אַ נייעם פעלד פון טעטיגקייט. יעס, עס איז געקומען די צייט ווען מיר געהען איבער פון די דיסקוסיאָנען וועגען די שולען צו זייער פּראַקטישער פאַרווירקליכונג.

* * *

**נייע אויפטואונגען**

דער אונפאַרגלייכליכער ערפאָלג וואָס די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט געהאַט מיט איהר ארויסגעבען די 1918 א. ר. לייברערי, אַן ערפאָלג, וואָס איז כדאי צו פאַרצייכענען צוליעב די אויסערגעוועהנליכע אומשטענדען, האָט איהר ערמוטיגט און זי נעהמט זיך מיט מעהר ענערגיע צו איהר 1919 לייברערי, וואָס ווערט יעצט פאַרבערייטעט. אויסער דעם, וואָס עס וועלען פאָרטגעזעצט ווערען די 3 גרעסערע ביכער, ווי דער דריטער טייל „פּאָליטישע עקאָנאָמיע", און דער דריטער טייל „פיזיאָלאָגיע" און דער דריטער טייל „געאָלאָגיע", וועלען נאָך צו־

עגדייט צום דרוק ביכער וועגן זאָאָלאָגיע, כעמיע און די קאָ־
פעראַטיווע באַוועגונג. אויסער דעם, אַלס זעלבסט שטענדיגע
יסגאַבען ווערען יעצט פאַרבערייטעט דריי ביכער כרעסטאָמאַ־
יע, איין בוך פון עלעמענטאַרע אריפמעטיק און ליעדער מיט
אָטען אין פיער שטימען, פאַר ארבייטער כאָרען.
אין אַלגעמיין האַלט זיך די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע פאַר'ן
רינציפּ ארויסצוגעבען נאָר אַזעלכע ביכער פון נוצליכען און פּאָ־
ולער־וויסענשאַפטליכען ווערט, וואָס פּריוואַטע פּאָבלישערס
בען ניט אַרויס און וואָס פעהלען אויף דעם אידישען ביכער־
אַרק. מיט דער כרעסטאָמאַטיע איז עס ניט דער פאַל. עס זיי־
ן גראַדע יע פאַראַן איינינגע אויפ'ן מאַרק, אָבער, וואָס אַנט־
ספּרעכען ניט די נויטען פון אונזער ארבייטער רינג
ולען, סיי די וואָס זיינען שוין דאָ, סיי די וואָס געהן זיך גרינדען.
דער זיי זיינען צו נאַציאָנאַליסטיש אדער זיי זיינען מיט אַנדערע
עהלערען און ניט צוגעפּאַסט צו אונזערע אידיש־אַמעריקאַנישע
ולען. דיזע אַלע אונטערנעהמונגען זיינען פאַרבונדען מיט א
ך ארבייט און נאָך מעהר געלד. די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע
יהלט אָבער, דאָס זי פילט אויס מיט איהר פערלאַג איינע פון
י לעדיגסטע פּלעצער אין דער אידישער ליטעראַטור און איינע
ון די וויכטיגסטע, און ערפילענדיג איהרע אויפגאַבען פאַר די
יטגליעדערשאַפט פון אַרבייטער רינג לייסטעט זי דערוויי̇ל אויך
יהרע באַשיידענדע דיענסטען דער אַלגעמיינער אידישער לי־
עראַטור.

* * *

ו נ ז ע ר סאַניטאַריום
ור'ן לאָס אַנדזשעלעסער.

אונזער סאַניטאַריום פאַרוואַלטונג
און ממילא שוין אויך די גאַנצע עק־
זעקוטיווע, באַקומט אין דיזען נומער
ויי גאַנץ פאַרדיענטע קאָמפּלימענטען פאַר דעם גלענצענדען צו־
טאַנד פון אונזער סאַניטאַריום. איינער פון די ספּעציעל ער־
עהלטע דעלעגאַציע פון דער נ. ב. אָוו ד. און דער צווייטער
ן א מעמבער פון דער עקזעקוטיווע, פר. יודיטש.
מיר ווילען אָבער מיט דיזען נאָטיץ אָנצייגען איינעם פון
נע כאַראַקטעריסטיישע שטריכען, וואָס מען קען נאָר באַגעגענען
י פּראָלעטאַרישע אינסטיטוציאָנען. געוועהנליך ליגט שוין
ין דער טבע פון יעדע אינסטיטוציע צו קוקען אויף נאָך אַזאַ
הנליכע איינריכטונג מיט קנאה, ניט זעלטען אויך מיט קאָנקור־
נץ גייסט און זעהר אָפט מיט א באַהאַלטענע טענדענץ ניט צו
לפען אין צייט פון נויט. אומזיסט וועט איהר זוכען א פאַקט,
י איין האָספּיטאַל זאָל האָבען געהאָלפען א צווייטען, אויב דאָס
ערט אונטערגעשטיצט און אונטער געהאָלפען פון אַן אַנדער
זעלשאַפט, אָדער גרופּע, סיידען זי וועט וויסען, דאָס מ'וועט
יט דעם מרעיש עולם זיין און דער פאַקט וועט ווערען צולעגט
יף טעלערלעך.
לעצטען מאָנאַט האָט אונזער סאַניטאָריום געהאַט אויף זיין
ערען א גראַנדיעזע אונטערנעהמונג, וועמענס גאַנצע איינקונפט
יז געגאַנגען פאַר ל אָ ס אַ נ ד ז ש ע ל ע ס ע ר סאַניאַ־
ום. ארום צ ו ו י י ט ו י ז ע נ ד דאָלאַר ריינעם פּראָ־
ט איז געמאַכט געוואָרען, וואָס וועט געוויס העלפען דער לאָס
דזשעלעסער אינסטיטוציע צו פאַרפעסטיגען איהר באָדען. עס
ז אָבער ניט אַזוי די צוויי טויזענד דאָלאַר פּראָפיט, וואָס אונז
הט דאָ אָן, נאָר די אונעגאָאיסטישע, ריין־ברידערליכע באַ־
יידענע האַנדלונג פון אונזער סאַניטאָריום־פאַרוואַלטונג און
ל עס ווערען פאַרצייכענט אַלס אַן אונבאַשטריטענבאַרער
ות פון די פּרינציפּען ריינקייט פון אונזער אָרדען.

די מוני קייס
און דער א. ר.

ווי מ'האָט עס געקענט ערוואַרטען האָט דער
אַרבייטער רינג אויך ערפילט זיין חוב אין באַצוג
דער באַוועגונג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבען אי־
בער'ן לאַנד צו ראַטעווען דעם מאָדערנעם אַרבייטער דרייפוס פון
די בלוטיגע הענד פון די קאַפּיטאַליסטישע געלד־זעק. צעהנד־
ליגע אַרבייטער רינג בראַנטשעס האָבען גערופען ספּעציעלע פּראָ־
טעסט מיטינגען, דורכגעפיהרט געלד־זאַמלונגען פאַר דער פאַר־
טיידיגונג און פאַרפלייצען וואַשינגטאָן מיט טעלעגראַמען בע־
טענדיג דעם פּרעזידענט איינצושטעלען זיך פאַר מוני'ן ; אויך
די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע האָט געפונען פאַר נויטיג אָן אַנטייל
צו נעהמען אין דער נאַציאָנאַלער דעמאָנסטראַציאָן אין וואַשינג־
טאָן דעם 28טען יולי. צווישען די 500 דעלעגאַטען פון אַלע עקען
פון לאַנד, וואָס האָבען פאַרטראָטען די גרעסטע און מעכטיגסטע
אַרבייטער קערפּערשאַפטען פון אמעריקאַ און אויסגעקליבען 15
דעלעגאַטען צום פּרעזידענט איז אויך געווען א פאַרטרעטער פון
אונזער עקזעקוטיווע, פריינד אב. עפּשטיין. ניט נור האָבען
מיר מיט דעם נאָך אַמאָל אונטערגעשטראָכען אונזער איבערציי־
גונג אין מוני'ס אונשולד, נאָר מיר האָבען אויך גענומען אויף זיך,
אין א געוויסען זינען, די פאַראַנטוואָרטליכקייט, אַז קיין מיטלען
זאָלען ניט פעהלען, דאָס דער פיעל געפּרובטער, אַרבייטער קעמפּ־
פער און מאַרטירער זאָל ניט באַצאָהלען מיט זיין טייערען לעבען
פאַר דעם אויספעהלען פון עטליכע ביליגע טויזענדע דאָלאַר...

* * *

פאַרברייטונגס
אַרבייט.

די אָרגאַניזאַציאָנס־קאָמיטע רעקאָמענדירט,
דאָס אין אָקטאָבער זאָל דער 70 טויזענד מעמבער־
שיפּ קאַמפּיין אָנגעפיהרט ווערען אין די ראַהמען
פון אַריינגעהמען די געשטראָכענע מעמבערס. דאָס איז איי־
גענטליך דער לייכטסטער מאָנאַט אין גאַנצען קאַמפּיין. דער גע־
שטראָכענער מעמבער איז שוין, ווי געוועהנליך, א באַקאַנטער,
מ'דאַרף איהם שוין ניט נעהמען דערצעהלען אַלעס פון אָנהויב
וואָס דער אַרבייטער רינג איז און וואָס ער טוט. געוועהנליך
ווערט מען געשטראָכען אָדער צוליעב פאַרנאַכלעסיגונג, אָדער
גלאַט צוליעב קאָפּ־פאַרדרעהעניש, צייט־מאַנגעל, אריבערפאָהרען
פון איין שטאָדט אין דער צווייטער און אַזוי ווייטער. עס וואָלט
געווען זעהר ראַטזאַם פון די סעקרעטערע און מעמבערשיפּ קאָ־
מיטעס פאָרצובערייטען און קאָמפּילירען די ליסטען פון די גע־
שטראָכענע מעמבערס פאַר די לעצטע עטליכע יאָהר אין פאַר־
לויף פון די נעקסטע עטליכע וואָכען, אַזוי, דאָס ווען דער אָק־
טאָבער קאַמפּיין וועט זיך עפענען זאָל מען זיך קענען גלייך א
לאָז טאָן צו די פאַרבלאָנזשעטע און אָפּגעריסענע און צוריק אָנ־
שליסען זיי אָן אונזער אָרדען. פ אָ ר ב ר ײ ט ו נ ג מיינט א
העלפט אַרבייט אָפּגעטאָן, ג ו ט ע פאַרברייטונג אָבער איז
מעהר ווי דאָס : עס איז א גאַראַנטיע, אַז עס וועט געמאַכט ווע־
רען א „קלין דזשאָב".

* * *

אין דרום־
לאַנד.

מיינט נישט, דאָס דאָרטען אין דרום, אין דער
„לאַנד פון דיקסי" איז מעהר ווי „קינדער־אַרבייט"
נישטאָ. דענקט ניט, דאָס יעדער ווייסער מוז דאָרט
ווערען אַן אונאָפּיציעלער שקלאַפען־טרייבער און יעדער איד
מוז עס דוקא דאָרט ווערען א דזשאָנק־פּעדלער און א שחור־
אָפּנאַרער. מיר האָבען דאָרטען אויך אַנדערע מענשען און
אַנדערע אידען, פון וועלכע מיר מעגען הערען, מיט וועלכע מיר
קענען 'שטאָלצירען.
זין דרום־לאַנד דאָרטען, וואו די זון פּאַליעט און בראָט,

שרפ׳עט און ברענט יעדע איידעלע פלאנץ — מיינט נישט, דאס דארט קענען שוין קיינע צארטע בלומען נישט וואקסען, דענקט נישט דאס דארטען קענען שוין קיינע כריזאנטעמען בליהען — א טעות!

אונזער ברענטש אין אטלאנטא, דזשא., 207, האט לעצטענס געפייערט זיין צעהן יעהריגען יובילעאום. לײדער האט די עקזעקוטיווע קיינע מעגליכקייטען נישט געהאט צו זיין דארטע דירעקט פארטראטען און האט נור געקענט איהר ברכה פון ו ו י י ט ע ן שיקען. צו דעם יובילעאום האט דער ברענטש ארויסגעגעבען א סואווועניר זאמעל־בוך, וואו די גאנצע וואונדערבארע טעטיגקייט פון צעהן יאהר שטעהט פריש פאר די אויגען. מיר האבען זיך איינפאך נישט געקענט אפרייסען פון די לעבעדיגע דענקמאלען, וואס דער ברענטש האט אויפגעשטעלט פאר אזא קורצע צייט. וואס פאר א פרעכטיגע פאנאראמע פון אויפטואונגען און אנשטרענגונגען! וואס פאר א צארטע, ווארעמע און טיעף עמפינדליכע ליעבע עס איז געווידמעט געווארען צו יעדער שורה פון דיעזען געשמאקפולען בוך!

הערצליכע גערוסען אייך, איהר בראווע קעמפפער, איהר אונערשראקענע פיאנירען פון דעם ווייטען, שרפה׳דיגען, האלב־פערשקלאפטען דרום־לאנד! זאל אויך ווייטער א ברכה רוהען אויף אלע אייערע אונטערנעהמונגען!

* * *

וועגען די יובילעאומס פון בר. 210, 212 און 32 אין נעקסטען נומער.

| (געווידמעט דעם ארבייטער רינג) | דער ריעז | נ. איטבערג. |
|---|---|---|

דארטען העט, העט וויט,
וואו הימעל, ערד, בלוי־ווייס,
אויסגעגאסען איינס —
שטעהט ער מעכטיג גרויס
א ריעזען שמיד אין וואלד
און זינגט דאס ליעד: אט באלד,
פארטיג וועט א רינג,
אייזען שטארקער רינג.

ס׳קלאפט דער האמער
בויגט דעם שטאהל,
שטארקער, העכער
וואס אמאל!
פונקען שפריצען, פונקען פליהען
נייע רינגען רויטע גליהען.
דער האמער קלינגט: קלינג־קלינג־קלינג —
באלד וועט פארטיג נאך א רינג!
(—אין דרום־לאנד).

אויב מיליאנען האבען געגעבען פאר אונז זייער לעבען און טויזענדער זייער פרייהייט פאר וואס זאלען מיר ניט געבען אם ווענינגסטענס פאר אונזער אלעמענס זאך אונזערע פאר סענט? גיט היינט נאך אמאל פאר׳ן מיליאן דאלאר פאנד.

* * *

אזוי לאנג ווי רענט, אינטערעסט און פראפיט וועלען זיין די ווינקעל־שטיינער פון דער געזעלשאפט וועלען מיר קיינמאל ניט קענען ארונטערלעגען די פונדאמענטען פון פרייהייט, גלייכהייט און ברידערליכקייט. רייסט ארויס די ערשטע וועט איהר קענען אונטערלעגען די צווייטע.

* * *

אונזער קאנווענשאן האט אינדאסירט אלס אונזערע צייטונגען, דעם „פארווערטס", „די וועלט" (שיקאגא), „די נייע וועלט", „די צוקונפט", „די גלייכהייט", דעם „פארשריפט" און די „נייע פאסט" — אונזערע מיטגליעדער דארפען זיי האלטען, לעזען און פארשפרייטען.

אויב צו חברשאפט זאל אויך צוגעמישט ווערען ברידערליכקיי
און צו די ביידע נאך אמת׳ע פריינדשאפט — צייגט מיר די ווילד
קראפט, וואס וועט אונז קענען בייקומען!

* * *

אויב עס איז פאראן א זאך, וואס מיר ליעבען מעהר ווי אל
אין די פאראייניגטע שטאאטען איז עס וואס יעדער מענש זאל האבע
דאס רעכט, אונגעשטערט, אויסצודריקען פריי זיינע איבערצייגונגע
— וואודראו ווילסא

* * *

אויב עס איז פאראן א לאנד, וואו מען קען ניט רעדען פרי
וואו די מעיל־זעק פון פאסט־אפיס ווערען געעפענט און לעטערס ווע
רען איינגעהאלטען — איז עס ניט קיין ציוויליזירטע לאנד נור א באר
בארישע. —עמערסאן.

* * *

— איך בין געקומען אייך געבען אלץ, וואס איך פארמאג אלס
קרבן פאר דער זאך, וואס איך האב ליעבער.ווי מיין לעבען. — דעבס.



# שטיקלעך און ברעקלעך

פון י. ב.



אז מען האקט האָלץ, פליהען שפּענער. אז אַ אידען פאַר־
עלט זיך סתם אין דער וועלט אַריין רייבען אַ מאָרדע און
וויסטרעטען אין דער עפענטליכקייט מיט באַשולדיגונגען גע־
ן אַ גאַנצע אָרגאַניזאַציאָן און איהרע פירער, האָט ער געמאָגט
וואַרטען אַן אַנטוואָרט, ווי ער האָט כשר פאַרדיענט. ניט
ילה, ווייל מיר גלויבען אין דער פּאָליטיק פון פאַרשווייגען,
אָבשלינגען אַלע שווינעריעֶן, כּדי צו שאַנעווען דעם כבוד
ן דער אָרגאַניזאַציאָן. עס הויבט זיך גאָר ניט אָן. מיר גלויי־
ען, אַז עס איז די פליכט פון יעדען איינצעלנעם מעמבער צו
טעהן אויף דער וואך און אָבהיטען די אינטערעסען פון זיין
גאַניזאַציאָן און אויב ער זעהט, אַז די פירער טוען ניט דאָס,
וואָס זיי זיינען ערוועהלט געוואָרען, אויב זייער טעטיגקייט
ענגט די אָרגאַניזאַציאָן צו שפּאָט און שאַנדע, דאַן איז די
יבט בּון יעדען איינצעלנעם צו שרייען אַזוי הויך, ווי מעגליך,
פּראָטעסטירען אַזוי שטאַרק און ענערגיש, אַז די רעדעל־פירער
לען אַ ציטער טאָן און אָבהאַלטען זיך.

ווען אָבער די באַשולדיגער טרעטען אַרויס אין דער עפענט־
כקייט מיט פאַלשע קלאַגעס, מיט לעבערליכע באַהויפּטונגען
ן דערמיט דיסקרעדיטירען זיי די גאַנצע אָרגאַניזאַציאָן, דאַן
ז דאָס ניט קיין עהרליכע קריטיק, דאַן רעדט אין זיי ניט די
טרעבונג צו מאַכען די אָרגאַניזאַציאָן שעהנער און בעסער. עס
דט אין זיי אַ געפיהל פון שנאה. אַ געפיהל פון קליינליבע
רזענליכקייטען און ראַכע. און צו אַזעלכע קריטיק מוז גע־
בט ווערען אַן ענדע. אַזעלבע אידען מוזען קריגען איבער די
נד און קריגען אַזוי, אַז זיי זאָלען מעהר קיין חשק ניט האָבען
ס צו טהאָן.

עס פאַרשטעהט זיך, אַז זיי, אָט די קריטיקער, זיינען נעבאַך
נשולדיג אין זייערע אייגענע אויגען, זיי האָבען קיין בייזעס
ר אָרגאַניזאַציאָן זיבער ניט געוואָלט טאָן, זיי ווילען נאָר
יסרייניגען די אָרגאַניזאַציאָן פון דעם שימעל, וואָס האָט אויף
הר אָנגעוואַקסען. און פריינדע, בעסער געזאָגט, איינער
די פריינדע, האָט זיך אַזוי שטאַרק דערפיהלט געטראָפען
אונזערע „שטיקלעך און ברעקלעך", אַז ער האָט אַריינ־
שיקט אַ גאַנצען אַרטיקעל צום רעדאַקטאָר פון „פריינד", אַלס
אַנטוואָרט צו אונזערע באַמערקונגען. און פאַרשטעהט זיך,
דער פאַרפאַסער פון די „שטיקלעך און ברעקלעך" קריגט
רט אַ פּאָרציע פון פּאָרציע לאַנד. אָבער מיר באַקלאָגען זיך
ז. מיר קענען אונזער שטעדטעל באַשטעהן. „ווילסט זיך
טשען, דאַרף מען קענען שטופּען דעם שליטעל אויך". אַ
דען, וואָס צוליעב באַשרענקונג אין פּלאַץ קענען מיר ניט
בערגעבען דעם גאַנצען אינהאַלט פון „אַרטיקעל". עס וואָלט
וען אינטערעסאַנט. מיר גלויבען אָבער, אַז עס זיינען פאַראַן
בטיגערע פראַגען, ווענען וועלכע מען קען דעבאַטירען באריכות.
ס אַ נעבען זאַך איז אַמאָל גוט אויך אַ קיבעץ, אַ שטאָך־ווער־
ל, אָבער ווי געזאָגט, אַמאָל אין אַ נאָווינע, אָבער מאַכען דער־
אַ וועזען לוינט זיך ניט, און אייגענטליך זיינען מיר דאָך
ז קיין פּאָפּולאַריזאַטאָרס און קיין אַדווערטייזערס געוויס ניט.
אום צו זיין גערעכט צו פריינד ז. פון פילאַדעלפיא, ווען
ר איבערגעבען זיינע וויכטיגע טענות און אונזער ערקלערונג
דערמיט וועט דער אינצידענט מיט פריינד ז. זיין ערלעדיגט.
ערשטענס לייקענט פר. ז. אָב, אַז ער האָט געשריבען אין
אָג" (דאָס איז די צייטונג וואָס האָט געדרוקט זיין באַריהמטען
טיקעל), אַז אַלע ברענטשעס זיינען טויט, אַז אַלע ברענטשעס
רנעמען זיך נור מיט קרקע און בענעפיט. ער האָט געמיינט,
סט עס, נור אַ טייל פון די ברענטשעס.

אָבער מיין ליעבער פריינד, איהר קליימט דאָך, אַז איהר
ט לעזען אויך! אַלזאָ לעזט זשע אייערע ווערטער און זאָגט
וואָס זיי באַדייטען „עס איז שטיל און רוהיג אין אַ ד ב י ו־
ט ע ר ד י נ ג. מען צאָהלט דיוס, מען צאָהלט אויס בענעפיטס,
מען באַגראָבט טויטע, און אַלץ איז גוט און וואויל". אַלזאָ, וואו
זיינען אייערע ברענטשעס, וועלבע אינטערעסירען זיך מיט אַנ־
דערע פראַגע אויך? וואו זיינען די געזעלשאַפטליבע פראַגען,
וועלבע עס ווערען אויפגעהויבען אין די אַ. ר. ברענטשעס? וואו
זיינען די געזעלשאַפטליכע טעטיגקייטען, צו וועלבע די נאַצ.
עקז. קאָמ. רופט אין איהרע לעטערס? האָט איהר דיזע לעטערס
ערהאַלטען, האָט איהר, אַלס פאַרטרעטער, זיי פאָרגעלעזען ביי
אייער ברענטש מיטינג? און ווענען וועלבע רעאַקציע רעדט
איהר, מיט וואָס האָט זי זיך אויסגעדריקט? זיינען דאָס ניט
פראַזען, וועלבע זיינען אויף קיין זאַך ניט באַגרינדעט, נאָר טראָ־
גען אין זיך דעם ווידער־טעם פון פערזענליכע אַטאַקעס און
מאָרדע־רייבעריי פון די אַלטע גוטע צייטען?

פריינד ז. וויל אַלעס וויסען און פאָדערט פון אונז אַן ער־
קלערונג צו וואָס מען דאַרף האָבען אַ קלאָב פון דער אַלטער
גוואַרדיע וואָס גיט אַרויס אַ צייטונג „הזקן" און נאָך אַ פּולע
זאַכען.. מילא, ווענען קלאָב זיינען מיר ניט מחויב צו וויסען.
צו זייערע באַנקעטען לאַדען זיי אונז ניט איין, צו שרייבען אין
זייער צייטונג — אויך ניט. מיר ווייסען אָבער, אַז אַ באַנקעטעל
קענען זיי גוט אַראַנזשירען און ביי זיי איז גאַנץ פרעהליך, ווען
זיי קומען זיך צוזאַמען צו פאַרברענגען. ווער, פרעג איך אייך,
לאָזט אייך ניט אָרגאַניזירען אייערען אַ קלאָב פון אייערע מענ־
שען און מאַבען בעסערע באַנקעטען? לצים זאָגען, אַז מיט אַ
געוויסע צייט צוריק האָבען זיך געפונען אידען און האָבען
געוואָלט מאַבען אַ געגען־קלאָב, האָט זיי דאָס ניט געלונגען;
קאַליקעס, זאָגאַר אַ קלאָב ניט פעהיג צו אָרגאַניזירען. ווער איז
זיי שולדיג אין דעם?

פריינד ז. האָט אַ גאַנצען צעטעל מיט פאַרברעכענס און
וויל אויף זיי אַן ענטפער, פאַרשטעהט זיך אַז דאָס זיינען
„פאַרברעכענס", פאַר וועלכע מיר זיינען זעהר ווענינ פאַראַנט־
וואָרטליך, ווייל די איינבילדונגס־קראַפט און אַמאָל די אונווי־
סענהייט זיינען די ערפינדער פו דיזע פאַרברעבענס.

פאַר וואָס, צ. ב. ש., האָט מען ניט איינגעפירט קיינע ראַ־
דיקאַלע שולען אין דער צייט, וואָס צוויי קאָנווענשאָנס האָבען
זיי רעקאָמענדירט? שרעקליך, אַ מורא'דיגער פאַרברעכען, ניט
וואַהר? אָבער פריינד ז. האָט זאָגאַר ניט געשטעלט די פראַ־
גע: און וואו זאָל מען נעהמען געלד? האָבען די קאָנווענשאָנס
און די רעפערענדומס עפּעס אַ סך געלד באַוויליגט אויף אַזעל־
כע שולען? האָט איהר דען ערוואַרטעט, אַז די 4,000 דאָלאַר
וואָס די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע פאַרמאָגט (מיט אַלטע שולדען
אַלס צוגאָב), זאָל זי אויך פאַרטאָן אַ טייל אויף שולען? און
טאָמער האָט די נאַצ. עקז. אַרויסגעשיקט לעצטען ווינטער אַ
רעפערענדום פאַר ניו יאָרקער ברענטשעס וועגען אַ טעקס פאַר
שולען, האָבען די ברענטשעס ניט געשטימט דעם רעפערענדום.
ניט נאַציאָנאַליסטיש געשטימט, נו, וואָס קען מען זיך העלפען.
„די שטימע פון פאָלק איז די שטימע פון גאָט".

וואָרום מען האָט גע'פּסל'ט דעם באַלאָט פון אַ געוויסען
ברענטש לעבען פילאַדעלפיע? וועלען מיר אייך איינפאַך ענט־
פערען, אַז יעדער ערליך־דענקענדער מענש, וועלכער האָט געזעהן
די אַלע געשוואָרענע אַפידייווידס פון די פאַרשיעדענע מעמבערס
פון דעמזעלבען ברענטש ווי זיי האָבען זיך ווידערשפּראָבען,
און אויסהערענדיג די אַלע צדדים, וואָלט מיט פולען געוויסען
געזאָגט, אַז עפּעס איז פאַרדאָרבען אין דענעמאַרק, און דער באַ־
לאָט פון דיזען ברענטש קען ניט געצעהלט ווערען. נאָר איהר זייט
דאָך קליינשטעדטעלדיגע פּאַטריאָטען. דער קאַנדידאַט, וועלכער
האָט פאַרלאָרען צוליעב דעם איז גראַדע אַ מעמבער פון אייער
ברענטש, האָט איהר זיך דערפיהלט געטראָפען און אַרויס מיט
פאַרלוימדונג, **אַז די עקז. האָט גע'פּסל'ט דעם באַלאָט.** ווייל ער

דראמאטישעס בילד אין 1 אקט. (אַרבייטער רינג — געווידמעט.)

# רחמנות

לאיס ריינגאָלד.

(שלום.)

ז ל אַ ט ע (צו פעני'ן, שטיל): צוליעב איהם, צוליעב דיין טאַטען. (צו מיס סמיט) זיצט, פריילין, זיצט.

מ י ס ס מ י ט (נעהמט ביכעל און פענסיל אין האַנד): א גרויסע פאַמיליע?

ז ל אַ ט ע : איין טאָכטער, זאָל מיר געזונד און שטאַרק זיין.

מ י ס ס מ י ט : ווי לאַנג איז אייער מאַן קראַנק?

ז ל אַ ט ע : ס'צווייטע יאָהר, וועה איז מיר.

מ י ס ס מ י ט : האָט איהר אָדער אייער מאַן א פערמעגליכע פאַמיליע?

ז ל אַ ט ע : איין ברודער האָב איך, זיין עשירות אויף שונא ישראל געזאָגט.

מ י ס ס מ י ט (צו יצחק'ן): מר. בערמאַן, ווי לאַנג אין לאַנד?

י צ ח ק : זעקס און צוואַנציג יאָהר.

מ י ס ס מ י ט : וואו געבאָרען?

י צ ח ק : אין רוסלאַנד.

מ י ס ס מ י ט : אין וועלכער באַנק האַלט איהר אייערע געשפּאָרטע געלד? (יצחק, זלאַטע, פעני בליקען צו איהר מיט ערשטוינונג. פּויזע.) וואָס! זעקס און צוואַנציג יאָהר אין אַמעריקא און גאָר ניט געספּאָרט?

י צ ח ק : יעס, פריילין. זעקס און צוואַנציג יאָהר אין גאָלדענעם לאַנד. זעקס און צוואַנציג יאָהר האָב איך געפּרעסט מלבושים. זעקס און צוואַנציג יאָהר האָב איך געהאָרעוועט טאָג־איין, טאָג־אויס, עהרליך, געטריי, און איבערגעבען. ניט געאַרבייט, חס וחלילה, שבת און יום טוב, ניט בעלאַנגט צו יוניאַנס, ניט געמישט זיך אין סטרייקס, און וואָס האָב איך אָבגעשפּאָרט? (הוסט).

מ י ס ס מ י ט (ציהענדיג טשואינג גאַם): אָה, וואַט א פּיטי. גודנעס גרעישאָס.

י צ ח ק : אויף א קראַנקען פערד האָט מען מיטלייד, מ'היילט איהם, מ'זאָרגט פאַר זיין געזונד, אָבער ווער, ווער האָט אויף מיר רחמנות?

פ ע נ י : אין דער היינטיגער געזעלשאַפט האָט אַ פערד מעהר ווערט פון אַ מענש. אַ פערד מוז מען קויפען, אָבער דער מענש קומט זיך בעטען מ'זאָל איהם איינשפּאַנען אין שאַפּ...

י צ ח ק : יאָ, האָסט רעכט, האָסט רעכט.

ז ל אַ ט ע (שטיל צו פעני): ניט איצט, פענעלע, באַהאַלט דיינע חכמות אויף שפּעטער, ניט ווען זי איז דאָ.

מ י ס ס מ י ט (צו פעני'ן): איהר זייט אויך קראַנק?

ז ל אַ ט ע : גאָט בעהיט, חלילה.

מ י ס ס מ י ט : פאַר וואָס אַרבייט זי ניט? אָהן אַ דזשאַב?

פ ע נ י : דאַרפט איהר דאָס אויך וויסען?

מ י ס ס מ י ט : גודנעס גרעישאָס — יעס.

ז ל אַ ט ע : אַ דזשאַב האָט זי, גאָט צו דאַנקען, נור זי אַרבייט ניט.

מ י ס ס מ י ט : סלעק?

ז ל אַ ט ע : חלילה, נאָר, נאָר...

פ ע נ י : מאַמע! פאַר וועמען האָסטו מורא? (צו מיס סמיט) איך סטרייק!

מ י ס ס מ י ט (איבעררעשט): וואַט! סטרייקען און געהמען טשאַריטי?

ז ל אַ ט ע : טאָכטער! לאָז אָב, שווייג!

פ ע נ י (שטופּט לייכט אָב זלאַטע'ן. צו מיס סמיט): יעס! אין סטרייק געגען באָסעס, וועלכע רייסען אונזערע ווירדזשעט אום צו קענען שפּיעלען די ראָלע פון פילאַנטראָפּען!

מ י ס ס מ י ט : גודנעס גרעישאָס, ווי פרעך איהר זייט מיס בערמאַן. געוויס אַ מעמבער פון איי דאַבעליו דאָ בעליו, אַנאַרכיסט און סאָשעליסט.

פ ע נ י : אויב איהר קענט ניט הערען אַן אמת וואָרט, דאָר איז די טיר!

ז ל אַ ט ע : פעני! וואָס טוט זיך מיט דיר. (צו מיס סמיט) זייט איהר מוחל, זי מיינט ניט אייך צו באַליידיגען. זייט איהר מוחל.

מ י ס ס מ י ט (בייז): איטס נאָ יוז, מרס. בערמאַן. סטרייקערס העלפען מיר ניט.

פ ע נ י (עפענט די טיר): מיס טשאַריטי! פּליעז...

י צ ח ק (צו פעני'ן): ווער איז בעל הבית?

ז ל אַ ט ע (צו מיס סמיט): זייט איהר מוחל, א קינד...

מ י ס ס מ י ט „ גרינהאָרנס! שנאָרערס! טפו!... (אָב

ז ל אַ ט ע : טאָכטער, וואָס האָסטו געטון? מיר וועלען פון הונגער אויסגעהן. א וועהטאָג איז מיר. אוי, אוי. (וויינט.

י צ ח ק : ווער איז דאָ בעל־הבית! ווער האָט דיר געגעבע א רעכט בעליידיגען פרעמדע מענשען אין מיין שטוב? ווי האָסטו געוואַגט אַרויסטרייבען אַ מענש וואָס איז געקומען אונז העלפען? איך לעב נאָך! א־ך... (הוסט).

מ אָ ר י ס (קומט אַריין און קוקט זיך אַרום): וואָס טוט זיך דאָ? וואָס איז געשעהן?

ז ל אַ ט ע : ברודער! וואָס וועט זיין אונזער סוף?

מ אָ ר י ס : וואָס מיינסטו?

ז ל אַ ט ע : געוועזען דאָ פון טשאַריטי, האָט אויסגעפרעגט אפשר... האָט זיך פעני צוקאָכט און איהר געהייסען מוחל זיין.

מ אָ ר י ס (מיט אַ געמאַכטער בייזקייט): וואָס! פון הויז געטריבען? (צו פעני'ן) ווייסטו וואָס דיר קומט פאַר אזא האַנדלונג? ווייסטו וואָס דו ביזט ווערט?

פ ע נ י : וואָס?

---

איז ניט „איז נאַשיך". און אָט דערפאַר רוף איך אייערע „ליטעראַטור" אַ וועב פון פאַרלוימדונגען און רכילות.

און אחרון אחרון חביב. ער האָט דאָ געכאַפּט דעם גנב פאַר'ן האַנד און פריינד ז. טריאומפירט. אָט הערט. בעפאָר די פּראַטוירנאַל רייטס האָט דער סעקרעטער פון אַ. ר. געזאָגט, אַז די וואַלואיישאָן איז 52 פּראָצענט. און נאָך דעם, ווי די פּראַטוירנאַל רייטס איז דורכגעגאַנגען האָט דער סעקרעטער אליין ערקלערט אין „פריינד", אַז די וואַלואיישאָן צו יאַנואַר 1918 איז 99.84 פּראָצענט. אָט וואָס פאַר באַטריגער דאָס זיינען.

טאַטע דו לאַכסט, אַז אָך און וועה צו דיין געלעכטער!! אָט אַזעלכע אידען קליימען, אַז מען פאַרלוימדעט זיי, אַז מען צודרעהט זייערע ווערטער. נאָר מיר וועלען זיין גוטהערציג און קאַלטבלוטיג און מיט די ערלויבניש פון סעקרעטער פון אַ. ר. ערקלערען פאָלגענדעס: בעפאָר די פּראַטוירנאַל רייטס פלעגט דער עקטשוערער אויסרעכענען די צוקונפטיגע פאַרמעגענס פון א. ר. אויף דעם באַזיס פון 15 סענט פער 100 פער קוואַרטאַל פאַר דעם טויטען בענעפיט־פאָנד. ווען ער האָט אָבער אויסגעאַרבייט די וואַלואיישאָן אָנפאַנג 1918, האָט ער שוין גענומען אַלס א באַזיס די נייע צאָהלונגען און פאַרשטעהט זיך, אַז די וואַלואיישאָן איז געענדערט געוואָרען.

מיר וואָלטען זיכער אַזוי לאַנג ניט אָבגעשטעלט זיך אויף די אַלעווילדע נאַרישקייטען פון אונזער פריינד ז. מיר האָבען אָבער געוואָלט צייגען איינינע ביישפּיעלע אום די מעמבערס זאָלען וויסען, וואָס פאַר א צורודערונג עס הערשט אין די מוחות פון איינציגע מעמבערס און וואָס פאַר צוטרויען זיי האָבען אין זייער אָרגאַניזאַציאָן.

מאַריס: אַט דאָס. (אומאַרמט און קושט איהר.)

יצחק: ניט בעסער פון איהר.

מאַריס: אַט אַזוי, שוואָגער. זאָל באַלוינט ווערען יעדער וואָס האָט מוט צו פאַריאָגען די שוואַרצע רוחות פון אונזערע אויגען (אין טיר) בעלי צדקות מיינע, ניע גנביי, ניע פאַסטיי! רייסט ניט אונזערע וויידזשעס און גיט אונז ניט צדקה!

יצחק: צדקה איז ביי אונז, אידען, אַ שעהנע מדה. דאָס וועט קיינמאָל ניט אָבגעשאַפט ווערען, קיינמאָל ניט.

מאַריס: אַ טעות, שוואָגער, יוניאַנס, סאָציאַליזם און דער אַרבייטער רינג וועלען אָבשאַפען צדקה.

יצחק: נאָך וויים דערצו, זעהר וויים.

מאַריס: יעדער באָס וואָס רייסט וויידזשעס, יעדער ביזנעסמאַן וואָס העכערט פּרייזען, יעדער גרזשעגעבער וואָס ריענט אין די אינטערעסען פון קאַפּיטאַל, העלפט שנעלער פאַרווירקליכען די אידעע פון סאָציאַליזם!

פעני: בראַוואָ מאָריס! (אַ קלאַפּ אין טיר.) קאָם אין!

וואַרגער (צו יצחק'ן): מר. בערמאַן! אונזער ווירדיגער לאָדזשען פּרעזידענט האָט מיך אין גאָס געטראָפען און בעאויפטראַגט איהנען העלפען.

זלאַטע (פרעהליך): זיצט, זייט מוחל, מר. וואַרגער! זיצט.

יצחק: אַ יישר כח פאַר דער בשורה. פאָרט אידען, רחמנים בני רחמנים. (צו זלאַטע'ן) הא! וואָס האָב איך דיר געזאָגט? אַ לאָדזש איז טאַקע אַ לאָדזש.

מאָריס (שטיל צו פעני'ן): ווער איז דער איד?

פעני: פּאַפּאַ'ס לאָדזשען סעקרעטער.

מאָריס: הם...

וואַרגער: קאָנסטיטוציאָנעל קומט איהנען ניכטס. נור אַזוי ווי אונזער האָכגעשעצטער ווירדיגער פּרעזידענט, איז אַ איד אַ בעל־הבית, אַ שעהנער סוחר, אַ בעל־צדקה, אַ מעמבער פון „בית מחסה ליתומים", פון „מושב זקנים", פון „פעדערייטעד טשאַריטיס", פון...

מאָריס (אונטערכאַפּענדיג מיט שפּאָט): פון מחיה מתים, סומך נופלים, רופא חולים ומתיר אסורים. פאַר וואָס ניט? — איטס ביזנעס!...

יצחק: מאָריס! מאָריס!

מאָריס: מאַכען אונז קראַנק און שיקען אין האָספּיטאַל, רייסען פּרייזען און גרינדען טשאַריטיס, מאַכען אונז אַלט פאַר דער צייט און האַלטען אויף אַ מושב זקנים, טרייבען אונז יונגערהייט אין קבר און שטיצען יתומים. אין פּעקטאָרי, טייוואָלים — פאַר דער וועלט, מלאכים; אין דער היים, היפּאָקריטען, טיראַנען, און פאַר דער געזעלשאַפט — באַלעבאַטים און פילאַנטראָפּען!

פעני: גוט געזאָגט, אָנקעל. (קושט איהם.)

זלאַטע: מאָריס! ברודער! האָב גאָט אין האַרצען, שווייג!

יצחק (אונרוהיג): הערט איהם ניט, מר. וואַרגער, ער ווייסט ניט וואָס ער רעדט. הכלל, האָט איהר געזעהן דעם פּרעזידענט, און וואָס האָט ער אייך בעאויפטראַגט?

וואַרגער: אויס רחמנות, זאָל איך איהנען געבען פינף דאָלאַר.

יצחק (קרעכצענדיג): רחמנות... (אָטעמט שווער.)

וואַרגער: שווינדזוכט, זאָגט דער פּרעזידענט, איז ניט אַזאַ קראַנקהייט פאַר וועלכע אונזער לאָדזש קען צאָהלען....

פעני (לאַכט): וואָלט ניט שאַדען ער זאָל פיהלען דעם טעם...

מאָריס: זאָל דער פּרעזידענט ליגען זעקס און צוואַנציג יאָהר אין שעפּער, זאָל ער ציטערן פאַר סלעק און לעבען אין שרעק פאַר סעק; זאָל ער ליידען פון באָסעס, מענעדזשערס, פאָרלייט, אַסיסטענטס, עקזעמינערס און טיים קיפּערס; זאָל ער וויסען די צרות פון לענדלאָרד, גראָסערימאַן, בוטשער און געזמאַן; זאָל איהם פלאַמען ס'פּנים פון טראָגען דיזעלבע שמאַטעס יאָהרען לאַנג; זאָל זיין האַרץ נאָגען, אַז די עלטער קומט און ס'איז ניטאָ אָן אָבגעשפּאָרטער סענט, דאַן בין איך זיכער, אַז דער ווירדיגער, האָכגעשעצטער ביזנעס־פילאַנטראָפּ, וועט בעטראַכטען שווינדזוכט פאַר די ערגסטע קראַנקהייט!

וואַרגער (דערלאַנגט יצחק'ן אַ טשעק): דאָ האָבען זי, ברודער בערמאַן, און ווייטער זאָל איהנען גאָט העלפען.

מאָריס (שטופּט צוריק וואַרגער'ס האַנד): מוחל, מר. סעקרעטער. (נעהמט אַרויס אַ פּעקעל פּאַפּיר געלד.) שוואָגער, דאָ איז 80 דאָלאַר!

זלאַטע: דיין געלד?

מאָריס: איך און גאָלד זיינען ניט מחותנים, שוועסטער. דאָס האָב איך געזאַמעלט ביי ברענטשעס פון אַרבייטער רינג! איך האָב זיי ערקלערט יצחק'ס לאַגע, און קעש איז זייער ענטפער.

יצחק: סטייטש, כ'בין דאָך ניט אַ מעמבער?

מאָריס: דערפאַר בין איך און פעני דאָרטען מעמבערס, זעהסט, שוואָגער, אַט דאָס איז דער אונטערשיעד פון קאָנסערוואַטיווע לאָדזשען ביז דעם אַרבייטער רינג!

(יצחק דריקט צו זיך זלאַטע'ן און פעני'ן. מאָריס פּוצט דעם אַרב. רינג באַטאָן אין לאַץ פון ראָק. וואַרגער געהט פאַרשעהמט אָב. פאָרהאַנג פאַלט.)

ע נ ד ע.

---

ווען דו באַזוכסט דיין קראַנקען פריינד, רעד צו איהם נישט וועגען זאַכען, וואָס ער איז דערביי הילפלאָז, אַפילו נישט וועגען דעם מיליאָן דאָלאַר פאָנד. רעד אויך נישט פיעל וועגען זיין קראַנקהייט, און אויב דו פאַרגלייכסט זיין קראַנקהייט מיט אַנדערע — זאָל עס נור זיין אין פאַלען ווען יענער קראַנקער איז גלייך געזונד געוואָרען.

* * *

אַ יוניאָן־מאַן, וואָס באַלאַנגט צו אַ באַלאַבאַטישער לאָדזש און נישט צום אַרבייטער רינג איז פונקט ווי ער וואָלט אַ האַלבען טאָג געטראָגען אַ יוניאָן קאַרד און דעם אַנדערען האַלבען טאָג צוגעשטעקט.

* * *

זאָגט דזשאָהן רוסקין:

דער קעניג זאָגט: איך רעגיער פאַר אַלעמען.
דער ריכטער זאָגט: איך משפּט פאַר אַלעמען.
דער זעלנער זאָגט: איך קעמף פאַר אַלעמען.
דער רב זאָגט: איך בעט פאַר אַלעמען.
דער אַרבייטער זאָגט: איך האָרעווע פאַר אַלעמען.

* * *

אין אַרבייטער רינג העלפט איהר זיך אַליין — אין צדקה אַנשטאַלט העלפען אייך אַנדערע — באַשפּייען...

פאַרגעסט נישט: —

צו צאָהלען פּינקטליך דיוס,
צו באַזוכען רעגולאַר די מיטינגען,
אַריינצוקריגען נאָך אַ מעמבער,
אַריינצוגעהן אין דער יוניאָן,
קויפען נור מיט'ן יוניאָן לייבעל,
אונטערשטיצען די אַרבייטער פּרעסע,
ווערען אַ מיטגליעד פון דער קאָאָפּעראַטיווע,
ווערען אַ סיטיזען,
ווערען אַ סאָציאַליסטישער פּאַרטיי־מאַן,
אַרבייטען פאַר'ן מיליאָן דאָלאַר פאָנד.

* * *

וואָס וואַרט איהר, דאָס דזש. ראַקעפעלער זאָל געבען פאַר'ן מיליאָן דאָלאַר פאָנד? ער וואָלט פאַר איהם געגעבען, אויב איהר וואָלט איהם נור געגעבען די דעה צו זאָגען וועמען פאַר די געלד צו ערוו..זלען אין קאָנגרעס...

* * *

ווען מען זאָל אויסשטעלען די 62 טויזענד מעמבערס פון אַרבייטער רינג אויף דער גאַנצער לענג פון די פ אַ ר א י י נ י ג ט ע ש ט א א ט ע ן פון מעין ביז קאַליפאָרניע, וואָלטען מיר האָבען אויף יעדען בלאָק (רעכענענדיג 15 בלאָק אין אַ מייל) איין ווערטער, און אויף דער שטרעקע פון ניו יאָרק ביז קליוולאַנד, צוויי ווערטער צו אַ בלאָק.

# שטאַאַטס קאַפּיטאַליזם, שטאַאַטס סאָציאַליזם און סאָציאַליזם

פון ע. וו. ברוידעס.

.1

מיט יאָהרען צוריק, ווען אַ סאָציאַליסטישער אַגיטאַטאָר אין רוסלאַנד פלעגט וועלען געבען זיינע צוהערער אַ לעבעדיגען ביישפיעל פון סאָציאַליזם, פלעגט ער גאַנץ אָפט אָנווייזען אויף דער פּאָסט און די אייזענבאַהנען. דאָרטען זיינען די ביידע זאַכען לכתחילה אויפגעבויט געוואָרען פון דער „מלוכה". פאַרשטעהט זיך, אַז ניט אַלע אַגיטאַטאָרען האָבען געוואוסט, אַז די רוסישע „פּאָטשט" איז אויסגעוואַקסען פון די אַמאָליגע סטאַנציעס פאַר אומבייטען די פערד פאַר די רייזענדע בעאַמטע פון דעם צאַר, און אַז די וועלכע האָבען געהאַט דעם אויפזיכט איבער די דאָזיגע סטאַנציעס האָבען אין דער לינקער פאה ניט געהאַט די אינטערעסען פו די פּריוואַטע בירגער אין לאַנד. אַגיטאַטאָרען האָבען אויך מן־הסתם ניט געוואוסט, אַז די ערשטע אייזענבאַהן אין רוסלאַנד צווישען פעטערבורג און מאָסקוואַ איז געבויט געוואָרען ניט חלילה כדי צו העלפען דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג פון רוסלאַנד, נאָר פּשוט כדי דער צאַר זאָל קענען כאַקוועמער און שנעלער אַרומפאָהרען אַהין און צוריק צווישען זיין אַלטע און נייע הויפּט שטעדט. שפּעטער־צו זיינען די אייזענבאַהנען אין רוסלאַנד געבויט געוואָרען הויפּטזעכליך פאַר מיליטאַריסטישע צוועקען און נאָך שפּעטער כדי צו שאַפען מעהר איינקונפט פאַר דער „קאַזאַנאַ", פאַר די גרויסע הוצאות פון די צאַרען. די פּאָסט און די אייזענבאַהנען זיינען מיט דער צייט געוואָרען אַ געשעפט — פאַר דער צאַרישער רעגיערונג.

אייזענבאַהנען זיינען זעהר אַ פּרנסה'דיגער געשעפט און ווען די צאַרישע רעגיערונג פלעגט ניט דערלאָזען קיין פּריוואַטע קאָנקורענץ מיט קאַזנאַ אין די אייזענבאַהן ביזנעס, האָט זי עס געטאָן האָבענדיג אין זינען איין זאַך: אַז די פּריוואַטע אייזענבאַהנען זאָלען איהר ניט פאַרקלענערען די פאַרדיענסטען. אַ מענש, וועלכער האָט אַ סך יאָהרען געדיענט אין רוסלאַנד אַרום די אייזענבאַהנען און וועלכער ווייס גוט די געשיכטע פון זייער ענטוויקלונג דערצעהלט, אַז ווען די צאַרישע רעגיערונג פלעגט זיך אַפילו איבערצייגען, אַז אַ געוויסער געגענד נויטיגט זיך אין אַ באַהן אַזוי שטאַרק, אַז אַ נייע אייזענבאַהן דאָרט וואָלט פון לכתחילה אָן זיך באַצאָהלט, פלעגט זי דאָך ניט וועלען די נייע באַהן בויען אוים מורא, טאָמער וועט זי אָבציהען געשעפט, קאָנקורירען מיט אַן עלטערע ליניע. אויף אַן אמת — צו וואָס זיך דרעהען אַ ספּאָדעק מיט נייע באַהנען ווען דער רעגיערונג אַליין וועט פון זיי קיין פּרנסה ניט צוקומען?

אַזעלכע סאָרטען מלוכה אונטערנעהמונגען האָבען גאַנץ ווייניג שיכות מיט'ן סאָציאַליזם. זיי זיינען ניט מעהר ווי אַ פאַראייניגונג פון דער מלוכה־מאַכט מיט דער גראָבער קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע אין איינע און די זעלבע הענד, ניט בעסער פון דער מלוכה מאָנאָפּאָל אויף שנאַפּס און אויף אַנדערע זאַכען, וואָס זיינען שפּעטער איינגעפירט געוואָרען אין רוסלאַנד מיט דעם איינציגען צוועק צו פאַרגרעסערען די הכנסות פון דער רעגיערונג.

ניט נאָר האָט די רוסישע רעגיערונג אַלס אונטערנעמער זיך גאַנץ ווייניג געקימערט וועגען דער לאַגע פון די אַרבייטער ביי די דאָזיגע אונטערנעמונגען, נור זי האָט זיך געפירט אין אַלע אַנדערע פּרטים ווי אַ קאַפּיטאַליסטישער אונטערנעמער, וועלכער האָט נור איין זאַך אין זינען: זיינע פּראָפיטען.

די מלוכה אונטערנעמונגען פון דער רוסישער רעגיערונג זיינען געוועזן אַ ריינער ביישפּיעל פון שטאַאַטס קאַפּיטאַליזם פון דעם דעאַקציאָנערסטען סאָרט, וועלכער טהוט אַלץ מיט דעם פאַלשען רעכענונג, אַז „נאָך מיר מעג קומען אפילו אַ מבול".

דאָס וואָס דורך די מלוכה אונטערנעמונגען אין רוסלאַנד האָט זיך דאָס לאַנד קאַפּיטאַליסטיש ענטוויקעלט און זיי האָבען, ווי שלעכט זיי זיינען ניט געוועזן, געבראַכט פיעל נוצען דאָס לאַנד, איז דאָס־געוועזן ניט מעהר ווי דער אומפאַרמיידליכער רעזולטאַט, וועלכער קומט פון אַלע סאָרטען קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעמונגען אומעטום. זוכענדיג זיינע אייגענע נוצען, ענטוויקעלט דער קאַפּיטאַליסטישער אונטערנעמער ניט ווילענדיג דאָס לאַנד וואו ער איז טהעטיג.

צוליעב צוויי זאַכען פלעגען מיר זיך אָבנאַרען און באַטראַכטען די מלוכה אונטערנעמונגען פון רוסלאַנד אַלס ביישפילע פון סאָציאַליזם: ערשטענס האָבען אונז די קאַפּיטאַליסטישע טעאָרעטיקער איינגערעדט, אַז די מלוכה, ווי זי זאָל ניט זיין אָרגאַניזירט, רעפּרעזענטירט מיט זיך די „נאַציאָן", אויב מיר קענען איהר בשום אופן ניט אָננעמען פאַר אַ פאַרשטעהערין פונ'ם פאָלק, און דערפאַר האָבען מיר אפילו די אונטערנעמונגען פון דער רוסישער רעגיערונג באַטראַכט אַלס „נאַציאָנאַלע", כאָטש זיי זיינען פיעל מאָל לכתחילה געמאַכט געוואָרען מיט אַנטי־נאַציאָנאַלע צוועקען; צווייטענס פלעגען מיר זיך אָבנאַרען דורך דעם, וואָס די דאָזיגע מלוכה אונטערנעמונגען פלעגען אין זייער ספערע אָבשאַפען די קאַפּיטאַליסטישע קאָנקורענץ. מיר ווייסען, אַז די קאַפּיטאַליסטישע קאָנקורענץ איז אַ שרעקליכער ניוועץ פון מענשליכע כחות און איינע פון די גרויסע קללות פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג, און וואו נאָר מיר האָבען געזעהן די דאָזיגע קאָנקורענץ אָבגעשאַפט, זיינען מיר געוועזן גרייט צו מאַכען אויף דעם די ברכה „שהחינו" און פאַרגעסען דערביי, אַז אַן עקאָנאָמישע מאָנאָפּאָל אין די הענט פון אַ זעלבסטהערשענדע רעגיערונג איז פיעל, פיעל ערגער און געפעהרליכער ווי אַ מאָנאָפּאָל אין די הענט פון אַ פּריוואַטען קאַפּיטאַליסטישען אונטערנעמער.

עס איז פיעל בעסער פאַר דער ענטוויקלונג פון אַן אינדוסטריע, אַז זי זאָל דורך קאָנקורענץ אַריינפאַלען אין די הענט פון אַ טראָסט פון פּריוואַטע קאַפּיטאַליסטען איידער זי זאָל לכתחילה געבויט ווערען דורך אַ מלוכה מאָנאָפּאָל, וועלכע ווערט פון קיינעם ניט קאָנטראָלירט. עס איז קיין ספק ניט, אַז די צאַרישע רוסישע רעגיערונג האָט ניט ווייניגער געשטערט דער ענטוויקלונג פון די אייזענבאַהנען אין רוסלאַנד ווי זי האָט דער דאָזיגער ענטוויקלונג געהאָלפען.

ווען די מלוכה אין דייטשלאַנד האָט זיך אָנגעהויבען אָבגעבען מיט עקאָנאָמישע אונטערנעמונגען איז שוין דאָס לאַנד דאָרטען געוועזן פיעל מעהר קאַפּיטאַליסטיש ענטוויקעלט ווי אין רוסלאַנד. צוריק מיט 50-60 יאָהר האָבען נאָך די בירגער פון ביידע לענדער געהאַט אַ גאַנץ קליינע דעה ביי זייערע רעגיערונגען, דאָך האָט שוין אָבער אין דייטשלאַנד עקזיסטירט אַ מעכטיגע ליבעראַלע געזעלשאַפטליכע מיינונג, וועלכע האָט געמוזט האָבען אַ ווירקונג אויף די מאַכט־האָבער. די דייטשישע הערשער אַליין האָבען דעמאָלט געהאַט אַמביציעס פון קאַפּיטאַליסטישער ענטוויקלונג פאַר דאָס גאַנצע לאַנד. זיי האָבען איינגעזעהן, אַז עס איז אין זייערע אייגענע אינטערעסען צו ענטוויקלען די קאַפּיטאַליסטישע אינדוסטריעס. דאָס וועט שטאַרקער מאַכען דעם שטאַאַט אַלס אַ גאַנצעס און פאַרגרעסערען מיט דעם די מאַכט פון די רעגיערער אין לאַנד. זיי האָבען זיך אָבער שוין געמוזט רעכענען מיט די אַלגעמיינע אינטערעסען פון לאַנד ניט ווייניגער ווי מיט זייער מלוכה־קאַסע.

ווען דייטשלאַנד האָט זיך אָבגעגעבען צום בויען פון אייזענבאַהנען און צו דער ענטוויקלונג פון געוויסע אינדוסטריעס אלס מלוכה אונטערנעמונגען, האָבען די דאָרטיגע הערשער אויך, ווי אין רוסלאַנד, פריהער פון אַלעם געזאָרגט זיך וועגען זייערע מיליטאַריסטישע אמביציעס און וועגען דעם רוח, וואָס די דאָזיגע אונטערנעמונגען ברענגען זיי אריין. נאָך ביז היינטיגען טאָג באַקומט די פּרייסישע רעגיערונג כמעט צוויי־דריטעל פון איהרע הוצאות פון איהרע פּרנסות אויף די אייזענבאַהנען און די מינען און נור איין־דריטעל באַקומט זי דורך טעקסעס פון דער באַפעלקערונג.

אָבער די ווירקונג פון דער עפענטליכער מיינונג און פון דעם אַלגעמיינעם צושטאַנד אין לאַנד זיינען שוין פון אָנפאַנג אָן גענוג שטאַרק געווען אין דייטשלאַנד, אַז די רעגיערונג זאָג זיך אין גאָר אַ גרויסע מאָס רעכענען מיט די אַלגעמיינע אינטערעסען פון די בירגער אין איהרע עקאָנאָמישע אונטערנעהמונגען. די דייטשע רעגיערונג האָט שטענדיג געהאַנדעלט, ווי דער היינט־וועלטיגער קאַפּיטאַליסט וועלכער פאַרשטעהט אַז עס לוינט זיך אמאָל אפילו צו פאַרלירען אויף געוויסע אונטערנעהמונגען, אויב זיי זיינען נויטיג פאַר דעם אויפהאַלטונג פון זיינע ביזנעס אין אַלגעמיין. די דייטשע רעגיערונג האָט ניט שטענדיג געזאָרגט זיך וועגען פּרנסה תיכף ומיד ווען זי האָט געבויט אייזענבאַהנען, ענטוויקעלט מינען אָדער געהאָלפען אַנדערע אינדוסטריען. זי האָט געהאַט אַ ליבעראַלען קוק אויף איהרע אייגענע עקאָנאָמישער טעטיגקייט און דאָס האָט אויך געווירקט אויף איהר פאַרהאַלטען זיך צו דער אַרבייטער, וועלכע זי האָט באַשעפטיגט.

ווי אַן עכט מאָדערנער קאַפּיטאַליסט האָט די דייטשע רעגיערונג פאַרשטאַנען, אַז וואָס בעסער באַזאָרגט עס וועלען זיין איהרע אַרבייטער מיט זייערע נויטיגע לעבענסמיטלען, אַלץ מעהר וועט זי קענען עקספּלואַטירען, אַלץ מעהר נוצען וועט זי פון זיי באַקומען. דאָס האָט געפיהרט צו אַ מין סאָרט אַפּיטראָפּסות (פאַטערליכע השגחה) פון דעם שטאַאט איבער זיינע אַרבייטער אין דייטשלאַנד, וועלכע האָט פילע פריינד פון דעם אַרבייטער קלאַס פאַרדרעהט זיי די קעפּ און געמאַכט זיי צום גלויבען אין אין דער מעגליכקייט, אַז די דייטשע אויטאָקראַטיע זאָל בריינגען דעם סאָציאַליסטישען משיח אויף דער וועלט. עס זיינען דאָ נאָך מענשען היינט־צו־טאָג, — אַלענפאַלס, עס זיינען געווען אַזעלכע ביז מיט עטליכע יאָהר צוריק, — וועלכע האָבען געגלויבט באמונה שלמה אַז די מלוכה אונטערנעהמונגען אין דייטשלאַנד אפילו ב י ז דער לעצטער צייט, האָבען אַ שטאַרקען שייכות מיט דעם פאַרווירקליכונג פון דעם סאָציאַליסטישען אידעאַל פון דעם אַרבייטער קלאַס.

אַזוי אָבער קענען גלויבען נור מענשען, וועלכע זיינען גרייט אָנצונעהמען די באַפרידיגונג פון די בלויז חיה'שע אינטערעסען פון די אַרבייטער אַלס דעם עיקר פון דעם סאָציאַליזם. די דייטשע רעגיערונג פלעגט זיך זאָרגען פאַר דעם וואויל זיין ניט נור פון די אַרבייטער, וועלכע זי באַשעפטיגט דירעקט, נאָר אויך פאַר די קערפּערליכע בעפרידיגונגען פון אַלע אַרבייטער אין לאַנד בכלל. פון אויבען־אויף קוקט עס אויס, ווי עס וואָלטען ווירקליכע פאָלקס פריינד געהערשט אין דייטשלאַנד, אָבער עס איז ניט נויטיג אָנצואווייזען אויף ספּעציעלע פאַקטען אום צו איבערצייגען זיך אַז דאָס קוקט טאַקע נור אויס אַזוי און ניט מעהר. שוין אַלס באַשעפטיגערין פון אַרבייטער האָט די דייטשע רעגיערונג ג ע מ ו ז ט שטרעבען א ו י ס צ ו ג ל י י כ ע ן די לאַגע פון די אַרבייטער אין א ל ע אונטערנעהמונגען אין לאַנד. דאָס איז געווען אין איהרע אינטערעסען פּשוט אַלס אונטערנעהמער און דאָס איז קיין וואונדער ניט וואָס האָבענדיג די מלוכה מאַכט אין איהרע הענט האָט זי עס לייכט געקענט אויספיהרען.

אויף וויפיעל די דייטשע רעגיערונג האָט זיך שוין יאָ אַביסעל געזאָרגט וועגען דער אַרבייטער באַפעלקערונג מעהר פון די רעגיערונגען פון אַנדערע לענדער, האָט זי עס געטאָן ניט אויס ווירקליכער פריינדשאַפט צום אַרבייטער קלאַס, נאָר צוליעב די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע אינטערעסען פון די הערשענדע קלאַסען אין לאַנד. אַזאַ סאָרט זאָרג האָט קיין שייכות ניט מיט סאָציאַליזם. פילע יאָהרען האָט מען באַטראַכט די עקאָנאָמישע פּאָליטיק פון דער דייטשער רעגיערונג אַלס שטאַאטס סאָציאַליזם, אָבער דאָס איז דורכאויס אַ פאַלשער קוק. כל זמן די רעגיערונג האָט אָנגעפיהרט מעהר אונטערנעהמונגען אַזוי, אַז זי זאָל ציהען פון זיי וואָס מעהר פּראָפיטען זיינען זיי געווען ניט מעהר ווי שטאַאטס קאַפּיטאַליזם, פּראָגרעסיווער, ליבעראַלער קאַפּיטאַליזם, אָבער ניט עטוואָס אַנדערש ווי פּשוט'ער קאַפּיטאַליזם.

די רעגיערונגען פון די ענגליש שפּרעכענדע לענדער האָבען ביז די לעצטע יאָהרען זיך צוריקגעהאַלטען פון אָפּגעבען זיך מיט עקאָנאָמישע אונטערנעהמונגען. דער גאַנצער פּאָליטישער בוי פון די דאָזיגע לענדער איז אַ ריין קאַפּיטאַליסטישער און די רעגיערונגען האָבען עס באַטראַכט פאַר אַן עולה אַז זיי זאָלען פאַרנעהמען זיך מיט זאַכען, וואָס דאַרף זיין אין עצם די פּריווילעגיע נור פון פּריוואַטע בירגער.

אין ענגלאַנד און אין אַמעריקאַ זיינען די אייזענבאַהנען געבויט און ענטוויקעלט געוואָרען פון פּריוואַטע אונטערנעהמער. זיי זיינען אַריבער אין דעם רשות פון דער רעגיערונגען אין די לענדער נור אונטער דעם דרוק פון מלוכה נויטווענדיגקייט. די איינציגע עקאָנאָמישע אונטערנעהמונגען, וועלכע זיינען לכתחילה געבויט און ענטוויקעלט געוואָרען אין ענגלאַנד און אין אַמעריקאַ פון די רעגיערונגען זיינען געווען די פּאָסט־אָפּיסעס. דאָס האָט געמוזט געטאָן ווערען צוליעב די אינטערעסען פון דער גאַנצער באַפעלקערונג. די אַמעריקאַנער רעגיערונג פלעגט ביז גאָר די לעצטע צייטען יעהרליך פאַרלירען געלד אויף די פּאָסט, און אפילו ווען, דורך די לעצטע עטליכע יאָהר, האָט די פּאָסט אָנגעהויבען אַריינצוברענגען פּרנסה דער אַמעריקאַנער רעגיערונג, האָט עס אויך ניט געקענט באַטראַכט ווערען אַלס געוועהנליכע פּראָפיטען פון אַ קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעהמונג. ערשטענס זיינען די פּראָפיטען געווען פאַרהעלטניסמעסיג קליין און ניט וויכטיג און אויסער דעם איז די רעגיערונג אין די פּראָפיטען, אַלס אַ מיטעל פון פּרנסה, ניט פאַראינטערעסירט. די פּאָסט אין אַמעריקאַ ווערט פאַרוואַלטעט אויסשליסליך פאַר די אינטערעסען פון דער גאַנצער באַפעלקערונג א ו ן נ י ט פ אַ ר ק י י נ ע א נ ד ע ר ע א י נ ט ע ר ע ס ע ן.

א ו י ף אַ ז ו י פ י ע ל קען מען עס שוין ניט באַטראַכטען אַלס אַ ריין קאַפּיטאַליסטישע שטאַאטס אונטערנעהמונג. מען קען עס נאָך קיין שטאַאטס סאָציאַליזם ניט אָנרופען דערפאַר, וואָס דער הויפּט עיקר פון דעם סאָציאַליסטישען פּרינציפּ, אַז דער אַרבייטער זאָל באַקומען דעם פולען געזעלשאַפטליכען ווערט פון זיין אַרבייט, ווערט דאָ ניט דורכגעפיהרט. די אַרבייטער אין די פּאָסט־אָפּיסעס באַקומען באַצאָהלט לויט דעם פּרייז פון אַרבייט וועלכער ווערט באַשטימט פון דעם יעצטיגען קאַפּיטאַליסטישען מאַרק.

אויב אפילו די אַמעריקאַנער רעגיערונג זאָל ווערען די אונטערנעהמערין פון פילע אינדוסטריען אין לאַנד און אָנפיהרען זיי אויף די זעלבע פּרינציפּען ווי זי פיהרט יעצט דעם פּאָסט געשעפט, וואָלט זיך דורך דעם דאָ ענטוויקעלט דאָס וואָס מען רופט שטאַאטליכער סאָציאַליזם. ווען די רעגיערונג וואָלט באַשעפטיגט די גרעסטע צאָהל פון דער באַפעלקערונג און ניט זוכענדיג פאַר זיך קיינע פּראָפיטען וואָלט שוין ממילא די עקאָנאָמישע עקספּלואַטאַציע שטאַרק אָפּגעשוואַכט געוואָרען.

אָבער דאָס וואָלט געווען נאָך גאַנץ ווייט פון סאָציאַליזם. דער אַרבייטער קלאַס וואָלט נאָך דעמאָלט אויך געבליבען אָבהענגיג פון די שכירות וואָס ער באַקומט און וואָלט נאָך ניט זיין זיין אייגענער בעל־הבית. דער צוועק פון סאָציאַליזם איז די פ אָ ל ש ט ע נ ד י ג ע באַפרייאונג פון דעם קלאַס וועלכער שאַפט אַלע ווערטען אויף דער וועלט.

וועגען אינדוסטרי אין סאָציאַליזם — אַ צווייטען מאָל.

**און זעה דאס דיין פריינד זאל אויך טון דאס זעלבע.**

צביון:

# מכה אונזער פארוואלטונג

אין א נאָווינע דארף מען זיך גאָר דורכריידען וועגען דער פארוואלטונג פון אונזער ארבייטער רינג.

מיט דער פארוואלטונג פון ארבייטער רינג איז פּונקט ווי מיט די פּאריזער מאָדעס. מע זאָגט, אז ביי דעם הויפּט שניידער פון פּאריז שטעהט א פּעסעל אָנגעפּאקט מיט מאָדעס. ער נעמט אזוי לאנג נייע מאָדעס ביז ער קומט צום דעק, נאָכדעםווארפט ער אריין אלע אויסגעניצטע מאָדעס צוריק אין פּעסעל, קעהרט עס איבער אויף דער אנדערער זייט און פאנגט ווידער אָן נעמען פון דאָרט „שפּאָגעל נייע" מאָדעס. אין ארבייטער רינג איז, ווי עס שיינט, אויך פאראן א פּעסעל, נאָר אנשטאט מאָדעס, געפינען זיך דאָרטען פארוואלטונגס־פאָרמען. אלע יאָהר שלעפּט מען ארויס פון פּעסעל א נייע פארוואלטונגס־פאָרמע, ביז דאָס פּעסעל לעדיגט זיך אויס. דאן נעמט מען די אלע אָבגעניצטע פארוואלטונגס־פאָרמען און מען ווארפט זיי צוריק אריין אין פּעסעל, מען קעהרט דאָס איבער אויף דער אנדערער זייט און מען פאנגט אָן שלעפּען פון איהר פון דאָס ניי „שפּאָגעל נייע" פארוואלטונגס־פאָרמען.

ווער עס האָט זיך אינטערעסירט מיט דעם לעבען און מיט דער געשיכטע פון ארבייטער רינג און האָט נאָך דערביי א שטיקעל זכרון, וועט אייך אויף יעדע פארוואלטונגס־פאָרם, וואָס איהר קענט נאָר אויסטראכטען, קענען גאנץ זיכער זאָגען: אין כל חדש תחת השמש, ניטאָ קיין נייעס אונטער דער זון, שוין אלעס דאָ געווען. און ווירקליך, וועלכע פארוואלטונגס־פאָרמען האָט שוין דער ארבייטער רינג ניט אויסגעפּראָבירט? ער האָט זיי געהאט פון אלע מינים: העכסט צענטראליזירטע, רעפאָרמירטע צענטראליזירטע, א מיניסטעריום מיט א סענאט און א סופּרים קאָורט (עקזעקוטיוו קאָמיטע, קאָנטראָל קאָמיטע און דירעקטאָרען קאָמיטע), א פארוואלטונג מיט סטענדינג קאָמיטעס און אָהן סטענדינג קאָמיטעס, דירעקטאָרען קאָמיטעס מיט די גרעססטע רעכטען און דירעקטאָרען קאָמיטעס גאָר אָהן רעכטען. פון א צענטראליזירטער פארוואלטונג איז מען אריבער צו א דעצענטראליזירטער פארוואלטונג, לויט דעם ניו דזשורזי פּלאן. נאָכדעם האָט מען דעם ניו דזשורזי פּלאן „געפּיקסט" צוריק אויפ'ן וועג פון צענטראליזאציע, שפּעטער האָט מען איהם נאָך מעהר „געפּיקסט" ביז ענדליך האָט זיך באקומען ביי אונז א פארוואלטונג, וואָס עס איז שווער צו געפינען פאר איהר א באשטימטען נאָמען. און וועט דאריבער קיין אנדער ברירה ניט האָבען און מען וועט מוזען איבערקעהרען דאָס פּעסעל אויף דער אנדערער זייט און צוריק אָנפאנגען פון איהר צו נעמען די אלטע אָפּגעניצטע פארוואלטונגס־פאָרמען און זיי פּאדטאכלעווען אלס שפּאָגעל נייע.

אונזער איצטיגע פארוואלטונגס־פאָרם אין ארבייטער רינג ווערט ביי דעם בריטערען ארבייטער רינג עולם אָנגערופען מיט דעם נאָמען „ניו דזשורזי פּלאן", אָבער די איצטיגע פארוואלטונג איז אזוי לויט דעם ניו דזשורזי פּלאן, ווי יענעם אידענס פּעלץ איז געווען זיין זיידענס. ער האָט טאקע אמאָל געקראָגע פון זיידען א פּעלץ בירושה, האָבען זיך צוערשט צוריסען די ארבעל פון פּעלץ, האָט מען אריינגעזעצט נייע; נאָכדעם האָט זיך צוריסען דער איבערצוג פון פּעלץ, האָט מען געמאכט א נייעם איבערצוג; נאָכדעם האָט זיך צוריסען דער קראגען פון פּעלץ, האָט מען געלעגט א נייעם קראגען; ענדליך האָט זיך אויך צוריסען די פּוטער פון פּעלץ און מען האָט געלעגט נייע פּוטער און דער פּעלץ האָט זיך אלץ גערופען אויף דעם זיידענס נאָמען...

אין דער איצטיגער פארוואלטונגס־פאָרם און ארבייטער רינג איז כמעט ווי גאָרנישט געבליבען פון דעם ניו דזשורזי פּלאן; עס זיינען אנדערע ארבעל, אן אנדער איבערצוג, אן אנדער קראגען און אנדערע פּוטער, עס איז בלויז געבליבען דער נאָמען.

אין דער ווירקליכקייט האָבען מיר היינט צוריק א פאָלשטענדיג צענטראליזירטע פארוואלטונג, זי האָט אָבער אלע חסרונות פון צענטראליזאציע און קיינע פון איהרע מעלות. א צענטראליזירטע פארוואלטונג האָט געוועהנליך די מעלה, וואָס איז ענטשיידענער אין דער אָנפירונג פון דער ארבייט, איז שנעלער אין פאסען באשליסע און עפעקטיווער אין זייער דורכפירונג. אין צענטראליזאציע איז פאראן מעהר גאנצקייט, מעהר איינינקייט און מעהר פּלאנמעסיגקייט אין דער לייטונג פון דער אָרגאניזאציאָן. צענטראליזאציע האָט אָבער איהרע חסרונות, וואָס עס פעהלט אין איהר ספּעציאליזירונג. א צענטראלע פארוואלטונג איז אזוי צו זאָגען א „מעדכען פיר אלעס", וואָס דארף קאָכען, וואשען, מאכען די צימערען, ניאנטשען די קליינע קינדער און ערציהען די גרעסערע. א צענטראלע פארוואלטונג, מוזענדיג טאָן אלע ארבייט, איז געצוואונגען אָפט צו פארנאכלעסיגען מאנכע ארבייט אָדער צו טאָן מאנכע ארבייט ניט אויפ'ן בעסטען אופן. די פראגע פון דעמאָקראטיע לאָז איך דאָ איינגאנצען אויס, ווייל עס איז נאָך פאראן א גאנץ גרויסע חלוקי דעות, אויב דעמאָקראטיע פאָדערט דורכאויס א צענטראליזירטע פארוואלטונג פאר אן אָרגאניזאציאָן. עס איז א סברא, אז א צענטראליזירטע פארוואלטונג קען פּונקט זיין אזוי דעמאָקראטיש ווי א דעצענטראליזירטע. די צרה איז, וואָס יעדעס מאָל, ווען מען דיסקוטירט די פראגע פון צענטראליזאציע און דעצענטראליזאציע שלעפּט מען אריבער די באגריפען פון שטאאט, פון מלוכה אויף פרייוויליגע אָרגאניזאציאָנען און פאראיינען. די אלע טענות געגען צענטראליזאציע אין דער רעגיערונג פון א שטאאט קענען זיך ווייניג צופּאסען צו דער צענטראליזאציע אין דער פארוואלטונג פון א פּארטיי, אן אָרגאניזאציאָן אָדער פאראיין. ווען מיר פארהאנדלען, אלזאָ, די פראגע וואָס פאר א פארוואלטונג אן אָרגאניזאציאָן זאָל האָבען, א צענטראליזירטע אָדער א דעצענטראליזירטע, איז עס אמבעסטען, אז מען זאָל די פראגע פון דעמאָקראטיע אין גאנצען אוועקלעגען אָן א זייט, ווייל די פראגע פון דעמאָקראטיע האָט דאָ ווייניג צו טאָן. די הויפּט פראגע איז, וועלכע פאָרם פון פארוואלטונג קען זיין די פּראקטישסטע און די ערפאָלגרייכסטע.

די פאָרם פון פארוואלטונג, וועלכע מיר האָבען איצט, איז געוויס ניט קיין פּראקטישע און זי קען דאריבער ביי איהר בעסטען ווילען ניט זיין קיין ערפאָלגרייכע, ווייל זי האָט, ווי שוין געזאָגט, אלע חסרונות פון א צענטראלער פארוואלטונג און קיינע ניט פון איהרע מעלות.

א צענטראלע פארוואלטונג דארף זיין פון א קליינער צאָהל מיטגליעדער, כדי זי זאָל קענען וואָס שנעלער זיך צונויפקומען, ווען עס איז נויטיג, און כדי זי זאָל אין דער קלענסטער צייט אָבטאָן די גרעסטע מאָס ארבייט. אן עקזעקוטיווע פון 30 מענשען איז אָבער צו שווער צונויפצורופען צו יעדער צייט ווען מען דארף זי האָבען, און ווען זי קומט זיך צוזאמען איז זי דאן ארבייטס־אונפעהיג, צוליעב איהר גרויסער צאָהל מיטגליעדער. עס דארף נעמען א רעכט ביסעל צייט איידער 30 מענשען קענען זיך צונויפריידען וועגען וועלכער עס איז פראגע און אמאָל טרעפט, אז מען קען זיך אויף א גאנצער עקזעקוטיוו מיטינג ניט צונויפריידען און מען מוז רופען א צווייטען מיטינג. אן עקזעקוטיווע פון 30 איז אן אונבאוועגליכע קערפּערשאפט און אן אונארבייטספעהיגע קערפּערשאפט.

דער „ניו דזשורזי פּלאן", לויט וועלכען עס ווערען געוועהלט זעקס קאָמיטעס, וואָס יעדע פון זיי איז זעלבסטשטענדיג אין איהר ארבייט און זיי אלע צוזאמען שטעלען צונויף די גענעראל עקזעקוטיווע, איז אין גרונד גענומען געווען זעהר א גוטער פּלאן, מען האָט בלויז געדארפט מאכען איינינע אויסבעסערונגען און ער וואָלט געארבייט גאָר ניט שלעכט. האָט מען איהר אָבער „אויסגעבעסערט" אויף אזא אופן, דאָס מען האָט [illegible]

זם ארויסגענומען אלע זיינע מעלות און איהם איבערגעלאָזען נ זיינע חסרונות.

די הויפּט מעלה פון דעם „ניו דזשוירזי פּלאַן" איז געווען, ס ער האָט אין זיך ענטהאַלטען אַ גוטע אַרבייטס־צוטיילונג אַלע נויטיג עקזעקוטיוו אַרבייט האָט געקענט געטאָן ווערען דער צייט, אָהן אָבלעגונגען און אָהן פאַרנאַכלעסיגונגען. ןעהלער האָט ער געהאַט, וואָס די עקזעקוטיווע איז געווען אַ יעל דעצענטראַליזירטע. פאַקטיש האָט יעדע קאָמיטע גע־ ט די פולע מעגליכקייט דורכצופיהרען איהרע באַשליסע, יום די גרויסע מאַיאָריטעט, וואָס האָט זיך געפאָדערט, לויט ז „ניו דזשוירזי פּלאַן", אומצואוואַרפען אַ באַשלוס פון אַ מיטע אויף דעם גענעראַל מיטינג פון דער עקזעקוטיווע, האָט זעלטען געקענט קריגען. די טענה, אַלזאָ, איז געווען, אַז ניט ענדיג אויף דעם, וואָס די גאַנצע עקזעקוטיווע טראָגט די ּאַנטוואָרטליכקייט פאַר יעדען באַשלוס פון אַ קאָמיטע, האָט זבער דאָך כמעט קיין מאַכט ניט אומצואוואַרפען אַ באַשלוס אַ קאָמיטע. איך פערזענליך גלויב, אַז די דאָזיגע טענה איז קיין זעהר שטאַרקע. איך גלויב, אַז אַ קאָמיטע פון 5 פּערזאָן, כע זיינען געוועהלט געוואָרען דורך אַ רעפערענדום אַבשטי־ : פאַר אַ געוויסער אַרבייט, איז געוויס פאַראַנטוואָרטליך, און קען אַרבייטען אַמבעסטען ערפאָלגרייך, ווען זי האָט וואָס יגער שטערונגען דורכצופירען איהרע פּלענער און באַשליסע. ת טאַקע, די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע טראָגט די פאַראַנט־ טליכקייט פאַר יעדען באַשלוס און טהאַט פון אַ קאָמיטע, ר איהר פאַראַנטוואָרטליכקייט איז בלויז אַזוי גרויס ווי־ ל די מיטגליעדערשאַפט פון אַרבייטער רינג האָבען אויף איהר יפגעלעגט. אָננעמענדיג דעם „ניו דזשוירזי פּלאַן" האָבען מיטגליעדער פון אַרבייטער רינג באַשרענקט די רעכטען פון גענעראַל פאַרזאַמלונג פון דער עקזעקוטיווע, און באַשרענ־ ריג איהרע רעכטען אומצואוואַרפען די באַשליסע פון די איינ־ נע קאָמיטעס, האָבען זיי אויך פאַרקלענערט איהר פאַר־ וואָרטליכקייט פאַר די באַשליסע פון די איינצעלנע קאָמי־ ז. און איצט אפילו, ווען די איינצעלנע קאָמיטעס האָבען לאָרען זייער זעלבסטשטענדיגקייט, קומט עס דען ניט אָפּט , אַז די גאַנצע עקזעקוטיווע טראָגט אויף זיך די פאַראַנט־ טליכקייט פאַר טהאַטען פון אַן איינצעלנע קאָמיטע, אויף כע זי האָט פאַקטיש קיין דעה ניט, הגם טעאָרעטיש קען זפשר זאָגען אַ דעה. אָט לאָמיר אָננעמען, אַז די עדיוקיי־ אַל קאָמיטע, אָדער די אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע שיקט ארויס ען אַ מיטגליעד צו וועלכען עס איז ברענטש אין ניו יאָרק ר אויסער ניו יאָרק פאַר עדיוקיישאָנעל צוועקען אָדער אָר־ זאַציאָנס צוועקען, און עס וואָלט בעסער געווען, אַז דער גער מיטגליעד וואָלט געזעסען אין דערהיים, דענקט איהר, י עקזעקוטיווע אַלס אַ גאַנצע קען זיך געגען דעם פאַרזיכע־ ? עס איז זיכער ניט אנגענעהם פאַר דער עקזעקוטיווע, ווען ער אַ פאַרטרעטער קומט אין אַן אָרט און מאַכט ניט קיין צענדען איינדרוק, וואָס קען זי אָבער טאָן? די קאָמיטע האָט ם געשיקט און פאַרטיג. און וואָס טהוט מען, ווען אַ מיט־ ד פון סאַניטאַריום קאָמיטע קומט אין סאַניטאַרום און מאַכט לאָנטער? — זאָל דאָס ניט טרעפען, ווי עס קען טרעפען — זיך די עקזעקוטיווע אַלס אַ גאַנצע געגען דעם פאַרזיכערען קען זי זיך אפשר אָבזאָגען פון דער פאַראַנטוואָרטליכקייט רעם געמאַכטען פּלאָנטער?

נאָר לאָמיר אָננעמען, אַז די טענה פון פאַראַנטוואָרטליכ־ , וואָס איז ארויסגעשטעלט געוואָרען געגען דעם „ניו דזשויר־ לאַן" איז אַ גערעכטע, ווארום ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס בין מיט איהר ניט איינפאַרשטאַנדען, גיב איך אָבער צו, י ענטהאַלט שטאַרקע אַרגומענטען. נאָר ווי די זאַך זאָל זיין, האָט מען דעם פעהלער דאָך געקענט אויסעבעסערען. האָט געקענט שליסען, אַז ווען עס האַנדעלט זיך וועגען ציפיעלע פראַגען, אָדער וועגען דעם אָנזעהן פון דעם אַרביי־ רינג אַלס גאַנצען זאָל זיין גענוג אַן איינפאַכע מאַיאָריטעט ער גענעראַל פאַרזאַמלונג פון דער עקזעקוטיווע אומצואוואַר־ אַ באַשלוס פון אַן איינצעלנער קאָמיטע. אמת, עס זיינען אַן געוויסע שוועריגקייטען צו באַשטימען אַזעלכע גרענעצען,

אָבער ביי אַ גוטען ווילען און דורך אָביסעל אָנשטרענגונג קען מען די נויטיגע און ווינשענסווערטע גרענעצען פעסטשטעלען. דאָס איז אָבער ניט געטאָן געוואָרען. מען האָט בעסער אין גאַנ־ צען צוגענומען פון די קאָמיטעס זייער זעלבסטשטענדיגקייט. פאַקטיש האָבען איצט די קאָמיטעס קיין מאַכט ניט אָנצונעמען באַשליסע, זיי קענען בלויז אריינברענגען רעקאָמענדאַציעס צו דער פאַרזאַמלונג פון דער גאַנצער עקזעקוטיווע, וועלכע ווערען גוט געהייסען אָדער צוריקגעוויזען מיט אַן איינפאַכער מאַיאָרי־ טעט. פון דעם גאַנצען „ניו דזשוירזי פּלאַן" איז בלויז געבליבען די צאָהל 30. מיר האָבען אַן עקזעקוטיווע פון 30 פּערזאָנען, זי דאַרף פאַרהאַנדלען אויף איהר מיטינג אַלע רעקאָמענדאַציעס פון די איינצעלנע קאָמיטעס, זיי דיסקוטירען און אָננעמען וועגען זיי באַשליסע.

ווען דער מיטינג פון דער גאַנצער עקזעקוטיווע וואָלט וועלען פאַרהאַנדלען יעדער רעקאָמענדאַציע פון אַ קאָמיטע גרינדליך און אין דער פולער ברייטקייט, דאַן וואָלט מען געדאַרפט האָבען עטליכע טעג אויף איין מיטינג. פאַקטיש איז אָבער אונמעגליך פאַר אַזאַ גרויסע קערפּערשאַפט צו באַהאַנדלען די אַלע רעקאָ־ מענדאַציעס פון די איינצעלנע קאָמיטעס מיט דער נויטיגער גרינדליכקייט. אויסער וואָס די מיטגליעדער־צאָהל פון דער עקזעקוטיוו איז פאַר דעם צו גרויס, איז פשוט קיין צייט ניטאָ. מייסטענס פאַרנעמט איין פראַגע די גאַנצע צייט פון דעם מיטינג און אַלע אַנדערע פראַגען, וועלכע וואַרטען אויף זייער רייה, מוזען אָבגעלעגט ווערען אויף אַ צווייטען מיטינג. די קאָמיטעס קע־ נען זיך אָבער דערווייל ניט ריהרען מיט זייער אַרבייט. זיי מוזען וואַרטען ביז זייערע פּלענער און באַשליסע וועלען גוט געהייסען ווערען פון דעם אַלגעמיינעם מיטינג פון דער עקזע־ קוטיווע.

אין קורצען: די פאָרם פון אונזער איצטיגע פאַרוואַלטונג איז אַן אונזיניגע. מיר האָבען אַ פאָלשטענדיגע צענטראַליזיר־ טע פאַרוואַלטונג, אָבער זי קען זיך אַליין ניט צענטראַליזירען, זי קען זיך פשוט ניט באַוועגען צוליעב איהר גרויס. אַ צענטראַ־ ליזירטע פאַרוואַלטונג קען ניט באַשטעהן פון 30 מענשען, זי איז פאַראורטיילט צו אַרבייטס־אונפעהיגקייט. עס דאַרף זיין איינס פון די צוויי: אָדער זיך אומקעהרען צו דעם אָריגינעלען ניו דזשוירזי פּלאַן, מיט איינינגע אויסבעסערונגען אין איהם, אָדער איינפירען אַן עפעקטיווע אַרבייטס־פעהיגע צענטראַלע פאַרוואַלטונג, וועלכע דאַרף באַשטעהן פון 7, העכסטענס פון 9 מיטגליעדער.

איך פערזענליך בין מיט דער מיינונג, אַז אַן עקזעקוטיווע פון אַרבייטער רינג דאַרף גאָר זיין אַ באַצאָהלטע; דאַן וואָלט גענוג געווען אַן עקזעקוטיווע פון דריי, און איבער איהר זאָל זיין אַ דירעקטאָרען באָארד. נאָר אַזוי ווי איך בין זיכער, אַז מיין פאַרוואַלטונגס־פּלאַן וועט פון אַרבייטער רינג סיי ווי סיי ניט אָנגענומען ווערען און אפילו ניט פאַרהאַנדעלט ווערען, געפין איך ניט פאַר נויטיג פאָרצולעגען די איינצעלהייטען פון מיין פּלאַן ווי אַזוי ער קען אַרבייטען. דער עיקר איז אָבער, אַז אונ־ זער איצטיגער פאַרוואַלטונגס־פּלאַן טויג געוויס ניט, און אויב מיר קענען ניט אויסטראַכטען אַ נייעם פּלאַן פון פאַרוואַלטונג, טאָ זאָלען מיר זיך ניט שעהמען און אריינשטעקען די האַנד אין פעסעל און ארויסנעמען פון דאָרטען אַן אַלטען פאַרוואַלטונגס־ פּלאַן, וועלכער האָט בעסער געאַרבייט ווי דער היינטיגער.

---

אַז מ'לאָזט אַרויספאַלען פון אַ ברענטש אַ געווינשטען מעמבער איז פונקט, ווי מ'לאָזט זיך אַרויסרייסען אַ געזונטען צאָהן...

* * *

וויפיעל געשטראָכענע מעמבערס קענסטו און וויפיעל האָסטו שוין געפּרובט צוריק אריינכנעמען?

* * *

פאַר שלאָפלאָזיגע איז אַ גוטער מיטעל פאַראַן צו צעהלען אַזוי לאַנג ביז מ'ווערט אַנטשלאָפען. מיר ראַטען אייך אַלס אַן אויסגע־ פרובטען מיטעל, וואָס וועט אייך פּאָזיטיוו באַרוהיגען צו דערמאָנען וואָס מעהר די צאָהלען פון 70 טויזענד און איין מיליאָן.

# דער אלף־בית פון דער ארבייטער־פראגע

א. ש. זאקס

די ארבייטער פראגע אין דעם זין, ווי מיר פארשטעהען זי היינט, איז א קינד פון דעם נייצעהנטען יאָהרהונדערט. אין מיטעל־אלטער, ווי אויך אין דער נייער צייט, ביז דעם יאָהרהונדערט, פון וועלכען מיר ריידען, האָט דאָס פּראָבלעם פון ארבייטער און קאפּיטאל ניט געקאָנט זיין. די אינדוסטרי איז ניט געווען ענטוויקעלט און די ארבייטס־צוטיילונג איז געשטאנען אויף א זעהר נידריגער מדרגה. די הויפּט באשעפטיגונג, פון וועלכער די באפעלקערונג האָט געצויגען איהר חיונה, איז געווען לאנדווירטשאפט דורך גאנץ פרימיטיווע איינפאכע מעטאָדען און מלאכה. האנד־ארבייט איז געווען דער קוואל פון חיונה. די שטאָדטישע באפעלקערונג איז ניט געווען צוטיילט און צושפּאָלטען אויף קלאסען, ווי איצט. זי איז באשטאנען פון כמעט אן איינהייטליכער מאסע, וואו עס האָבען געהערשט פאטריארכאלישע באציהונגען. עס זיינען, פארשטעהט זיך, געווען פארשיעדענע סעקטען, גרופּען, וועלכע פלעגען האָבען צווישען זיך סכסוכים, אָבער א קלאסען־קאמף איז אין שטאָדט גופא ניט געווען.

ניט האָבענדיג קיין מאשינען און אנדערע מאָדערנע ווערקציינג האָט די עקספּלאָטאציע פון איין מענשען דורכ'ן צווייטען ניט געקענט זיין גרויס. מען האָט זיך, אמת, אויך דעמאָלט שוין באנוצט מיט געדונגענעד ארבייט, אָבער די געדונגענע ארבייט איז נור געווען א ב י י ז א ך אָבער ניט דער יסוד פון דעם לעבען, ווי מיר זעהען דאָס איצט. פּראָלעטאריער, וועלכען זאָלען תמיד זיין געצוואונגען צו לעבען פון האנד צום מויל און פארקויפען זייער ארבייטס־קראפט אלס א סחורה, זיינען נאָך דעמאָלט ניט געווען. די אינסטרומענטען און געצייג, וועלכע זיינען נויטיג געווען אום צו קענען אליין אויסנוצען די אייגענע ארבייטס־קראפט, זיינען געווען גאנץ איינפאכע, האָבען געקאָסט ניט טייער און יעדערער איז געווען ביכולת זיי איינצושאפען. עס זיינען, אמת, געווען געדונגענע ארבייטער, אָבער דאָס איז ניט געווען דערפאר, ווייל די ארבייטער אליין האָבען זייער ארבייטער ניט געקאָנט אויסנוצען, נור דערפאר, ווייל אום צו קאָנען די ארבייט, האָבען זיי זיך א געוויסע צייט געמוזט ל ע ר נ ע ן אז ניט וואָלטען זיי שפּעטער ניט געקאָנט ווערען בעלי־מלאכות.

מיט ווייניג אויסנאהמען האָט יעדער לעהראיינגעל געהאט א געלעגענהייט צו ווערען אליין א בעל־הבית. דער בעל־מלאכה גופא האָט געקוקט אויף זיינע פועלים ניט ווי אויף מענשען פון אן אנדער קלאס, נור ווי אויף אייגענע חברים און קאָליעגען, וועלכע האָבען איינע און דיזעלביגע אינטערעסען. אין ווארשטאט האָט דער אייגענטימער געארבייט מיט אלעמען צו גלייך. דער בעל־מלאכה און זיינע העלפער האָבען געארבייט צוזאמען ביי איין טיש, געגעסען צוזאמען, געשלאָפען צוזאמען און האָבען בכלל מיט זיך פאָרגעשטעלט א י י ן פאמיליע. ארבייטענדיג תמיד צוזאמען מיט די פועלים האָט דער בעל־הבית, דער בעל־מלאכה, ניט געקאָנט זיי צופיעל עקספּלאָאטירען. ווען אלע אין דעם ווארשטאט האָבען געארבייט, האָט ז[illegible] בעל־הבית גופא מיטגעארבייט. א קאמף צווישען דעם בעל־מלאכה און זיינע העלפער האָט ניט געקאָנט פאָרקומען. דער בעל־הבית פלעגט גערענקען די צייט, ווען ער איז נאָך אליין געווען א פועל און דער פועל פלעגט ניט פארלירען די האָפענונג מיט דער צייט אליין צו ווערען א בעל־הבית פאר זיך.

דאָס עקאָנאָמישע לעבען איז זיך געגאנגען לאנגזאם, שטיל, רוהיג און צווישען די מענשען זיינען די באציהונגען געווען פריינדליכע, פאטריארכאלישע, פאמיליארע. ווען די א י י ג ע נ ע ארבייט איז געווען דער הויפּט קוואל פון פּרנסה, איז געווען אונמעגליך, דאָס ס'זאָלען זיך אנזאמלען ביי איינעם אין די הענד גרויסע עשירות, אזוי ווי איצט. אייגענע ארבייט האָט א גרענעץ, א שיעור און אן ערך און עס פארשטעהט זיך, אז די רייכטימער, וועלכע האָבען נור געקאָנט זיין א רעזולטאט פון א י י ג ע נ ע ר ארבייט, האָבען אויך געמוזט זיין באגרעניצט. עס זיינען דאריבער ניט געווען קיין צו גרויסע גבירים און אויך ניט צו גרויסע קבצנים. מאנכע פלעגען זיין בעסער אָב און אנדערע ערגער אָב, אָבער א גרויסער אונטערשייד אין פארמעגען האָט ניט געקאָנט פאָרקומען.

דער דלות וואָס האָט געהערשט ביי מאנכע טיילען פון דער באפעלקערונג, איז ניט געקומען פון דעם, וואָס אָט די טיילען פלעגען ווערען עקספּלואטירט פון אנדערע מענשען, נור פשוט פון דעם, וואָס דאָס פאָלק בכלל איז געווען אָרעם, ניט ענטוויקעלט און האָט ניט געהאט גוטע מיטלען און געצייג, ווי מלחמה צו האלטען מיט דער אויסערליכער נאטור.

דאָס ניט פארשטעהן די נאטור איז געווען די אורזאך פון דער אָרעמקייט אָבער ניט די עקספּלאָאטאציע פון איין מענשען דורכ'ן צווייטען.

* * *

סוף אכטצעהנטען יאָהרהונדערט האָט זיך אנגעהויבען א נייער פעריאָד אין עקאָנאָמישען לעבען. דער נייער פעריאָד איז ארויסגערופען געוואָרען דורך די פיעלע פארבעסערונגען, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין דער טעכניק.

אין יאָהר 1764 האָט ו ו א ט ש ערפונדען די ערשטע דאמף־מאשין. אביסעל שפּעטער האָט א ר ק ר א י ט ענטדעקט די ערשטע וועב־מאשין. ביז יענער צייט האָט מען געוועבט מיט איינפאכע אלט־פרענקישע וועבשטוהלען. אין יאָהר 1785 האָט מען שוין וואטט'ס דאמף־מאשין אנגעהויבען אנצוואווענדען אין די וועבערייען, וואו מען האָט געארבייט מיט ארקראיט'ס נייע מאָדע וועבשטוהלען.

אָט די נייע טעכנישע איינפיהרונגען, פאָרגעשטריטענע פּראָדוקציאָנס־מיטלען האָבען ארויסגערופען א גאנצע איבערקעהרעניש אין געזעלשאפטליכען לעבען. פריהער אין ענגלאנד, שפּעטער אין אלע אנדערע לענדער.

דער קאפּיטאליזם האָט זיך דיעזיג שנעל אנגעהויבען צו ענטוויקלען. די גרויסע איינארטיגע שטאָדטישע מאסע, וועלכע האָט געלעבט ביי אונגעפעהר גלייכע באדינגונגען, האָט זיך אנגעפאנגען צו דיפירענצירען, צושפּאלטען אויף גרופּען מיט ענטגעגענגעזעצטע אינטערעסען. א טייל פון דער באפעלקערונג איז געגאנגען ארויף, האָט זיך אויפגעהויבען אויף א העכערער מדרגה פון דעם עקאָנאָמישען לייטער, און א צווייטער טייל, דער גרעסערער, איז געגאנגען ארונטער און געזונקען, אלץ נידעריגער און נידריגער אינ'ם אָבגרונד פון אָרעמקייט. די פריהערדיגע גלייכגעוויכט איז צוטיילט געוואָרען. עס האָבען אין דער מיטעלער קליין־בירגערליכער באפעלקערונג אנגעפאנגען צו שפּראָצען און זיך ענטוויקלען פ א ר ש י ע ד ע נ ע ק ל א ס ע ן — קאפּיטאליסטען און ארבייטער.

די יעניגע, וועלכע האָבען דורך געוויסע סבות געהאט אָ[illegible] געשפּאָרט אביסעל געלד, האָבען געזוכט איינצופיהרען די נייע מאשינען און האָבען אנגעפאנגען צאנקערייען מיט יענע בעלי־מלאכות, וואָס האָבען געארבייט ביי די אלטע באדינגונגען. די אלטמאָדישע וועבער האָבען ניט געקענט אָט די קאָנקורענץ אויסהאלטען, האָבען פארלוירען זייער אייגענעם ווארשטאט, זייער זעלבסטשטענדיגקייט און זיינען געוואָרען פ ר א ל ע ט א ר י ע ר, וואָס האָבען שוין אליין ניט געקאָנט אויסנוצען זייעד ארבייטס־קראפט און זיינען זי געווען געצוואונגען צו פארקויפען אן אנדערען, דעם אייגענטימער פון די נייע מאשי

נס. די פריהערדיגע קאָלעגען זיינען געוואָרען צוטיילט אויף ר ב י י ט ס ג ע ב ע ר און א ר ב י י ט ס נ ע מ ע ר מיט אַנץ ענטגעגענגעזעצטע אינטערעסען.

אין די ערשטע צייטען, ווען די מאָדערנע אינדוסטרי איז רויף אויפ'ן סצענע פון רער געשיכטע און האָט צוטיילט די ליינבירגערליכע געזעלשאַפט אויף האבענדע און ניט האבענדע, ייף קאַפּיטאַליסטען און אַרבייטער, איז דאָס פּראָבלעם פון רבייט און קאַפּיטאַל נאָך ניט געווען אַזוי בולט.

ען דער גרויסער קאַפּיטאַל האָט זיך אָנגעהויבען צו ענט־ יקלען און האָט אָבגעלעבט זיינע ערשטע פריהלינגס־יאָהרען, אָט ער זיך בעוויזען אַלס אַ רעוואָלוציאָנערער פרייהייטס־ יסט צו רייניגען דאָס לעבען פון דער מיטעלעלטערליכער, טעהענדיגער בלאָטע, חרוב מאַכען די פעראַלטעטע, אָבגע־ גבטע פעאָראַלע חורבות, וואו דעם מענשענס גייסט איז גע־ ען איינגעשפּאַרט און האָט זיך ניט געקענט פריי ענטוויקלען.

די אַרבייטער, וועלכע זיינען שוין געווען געצוואונגען צו רבייטען ביי די אַנדערע, האָבען געלעבט פערהעלטניסמעסיג ט שלעכט. אַ נאָכפראַגע אויף סחורות איז געווען זעהר אַ ויסע, אין אַרבייטסקראַפט האָט מען זיך שטאַרק גענויטיגט. זיינען געווען פּראָספּעריטי־צייטען און אין אַ פּראָספּעריטי ינען די אַרבייטס־באַדינגונגען ניט קיין שלעכטע. די שכירות ינען געווען ניט נידעריגע, די באַהאַנדלונגען אַנשטענדיגע וי, אַז די אַרבייטער גופא האָבען זיך געפיהלט פיעל בעסער ן זייער איצטיגער לאַגע, ווי פריהער, ווען זיי זיינען געווען לבסטשטענדיגע קבצנ'ישע בעלי־מלאכות. אין אַלע ווינקע־ ך פון לאַנד האָט אָנגעפאַנגען צו בליסטשען פון העלען קאַ־ טאַל. אין דער אַרבייט האָט מען געזעהן אַ גרויסע מזל יכה. אַלעמען האָט אויסגעוויזען, אַז דאָס לאַנד איז פיעל יקליכער געוואָרען דורך דער ענטוויקלונג פון קאַפּיטאַל און ן האָט געמיינט, אַז די נייע פּראָדוקציאָנס־מיטלען האָבען יסער גליק מיט זיך גאָר ניט ניט געבראַכט. די באַפעלקע־ נג איז רייכער געוואָרען. אומעטום, וואו דער קאַפּיטאַל איז קומען איז די מיטעלעלטערליכע אָרעמקייט, ארויסגעטריבען וואָרען. אַן אָרעמקייט, וואָל זאָל געווען ארויסקומען דורך

דער ענטוויקלונג פון קאַפּיטאַל האָט מען אין די יוגענד־יאָהרען פון דער מאָדערנער אינדוסטרי ניט באַמערקט און די אַרבייטער פראַגע האָט דעמאָלט נאָך ניט עקזיסטירט.

ערשט שפּעטער, ווען די אינדוסטרי האָט זיך שוין ווייט ענטוויקעלט און האָט באַקומען, ווי מען זאָגט, בירגער רעכט, ווען עס האָבען זיך אָנגעפאַנגען ארויסצואווייזען די אַלע שאָ־ טען־זייטען, וואס דער העל־לויכטענדער בלישטשענדער קאַפּיטאַל האָט מיט זיך געבראַכט, ווען די מלאכי חבלה פון דער נייער צייט האָבען אָנגעפאַנגען ארויסצואווייזען, וואָס זיי קאָנען, איז די אַרבייטער פראַגע ארויפגעשוואומען אויפ'ן אויבער־ פלעך פון עפענטליכען לעבען און איז געוואָרען דער אַקס, ארום וועלכען אַלע איבעריגע פאַסירונגען האָבען זיך אָנגעפאַנגען צו דרעהען.

*　　*　　*

אויף פאַרשידענע אופנים, סיסטעמען, האָט מען פער־ זוכט צו לייזען די אַרבייטער־פראַגע — די וויכטיגסטע פראַגע פון יענער צייט.

יעדע סיסטעם האָט געפונען, ווי דער מנהג איז, ניט ווייניג אָנהענגער. עס האָבען זיך געבילדעט פאַרשיידענע פּאַרטייען און עס האָבען זיך אויסגעאַרבייט פאַרשידענע אַנשויאונגען, וועלכע האָבען זייערע פאַרטרעטער סיי אין דער עקאָנאָמישער ליטעראַטור און סיי אין פּאָליטישען לעבען פאַר דער גאַנצער צייט זינט די אַרבייטער־פראַגע איז ענטשטאַנען ביז צו היינטי־ גען טאָג.

בכלל קאָן מען די פאַרשידענע סיסטעמען, ווי צו לייזען די אַרבייטער־פראַגע קלאַסיפיצירען אין פינף ריכטונגען:

1. די קליינבירגערליכע, אָדער, די אַנטי־קאַפּיטאַליס־ טישע.
2. דער ליבעראַליזם.
3. די פּאַטריאַרכאַלישע ריכטונג.
4. סאָציאַלע רעפאָרמען.

און

5. דער סאָציאַליזם.



# כעמיקער מאַכען זיידענס פון האָלץ

עסעף.

פאַר קאַרגע פינף טויזענד יאָהר איז דער זיידענ־ווערימעל ווען דער איינציגער בעל הבית פון דער זיידען אינדוסטריע. מען יעצט די כעמיקער און ווילען דיזען כבוד פון דער קליינער ה'לע אַוועקנעהמען.

אויב איהר האָט מיט אַ פּאָר יאָהר צוריק געקויפט אַ זיי־ נעם אַרטיקעל, זייט איהר געווען זיכער, אַז איהר האָט פאַר יער געלד באַקומען די ריכטיגע סחורה. עס איז, פאַרשטעהט ', אימער געווען גוטע זיירענס און שלעכטע זיידענס, לויט נאָך אַרט און ווייזע ווי די מאַטעריאַל איז אויסגעאַרבייט געוואָ־ ן, אָבער זיידענס איז געווען זיידענס. היינט קענט איהר זיין זיכער וואָס איהר קויפט. עס איז זעהר מעגליך, אַז אייער ידענער" שניפּסעל אָדער אייערע „זיידענע" זאָקען וואָס איהר ט ניט לאַנג צוריק געקויפט איז „אפילו לעבען זיידענס ניט לעגען". עס קוקט אויס ווי זיירענס, אָבער עס איז, ווי מיד ווע־ ן באַלד זעהן, אַ גאַנץ אַנדער שטאָף. עס קען זיין, אַז דער עמער וועלכער האָט אייך דעם אַרטיקעל פאַרקויפט, האָט אַליין געוואוסט וואָס ער פאַרקויפט אייך.

וואָס איז דער אונטערשיעד צווישען אמת'ע און נאָכגעמאַכ־ זיירענס? ווי ווערען ביידע סאָרטען געמאַכט? פאַר וואָס סט ריכטיגע זיידענס אַזוי טייער? ווי קען אַ ניט־פּראָפיסיאָ־ לער מענש אונטערשיידען צווישען זיידענס און במקום־זיי־ נס?

אמת'ע זיידענס קען מען אָנרופען נאַטירליכע זיידענס, נאָכ־ געמאַכטע זיידענס קען מען אָנרופען כעמישע זיידענס. אמת'ע זיידענס ווערט פּראָדוצירט פוון אַ קליין ווערימעל, וועלכען מען רופט, צוליעב זיין אַרבייט, דער זיידען־ווערימעל.

דאָס איז איינער פון די ווערימלעך, וועלכע קריכען אויף זייערע בייכער בלויז אַ טייל פון זייער לעבען. זיי בייטען זיך, פריהער אָדער שפּעטער, אין וואונדערשעהנע זומער פויגעלעך און פאַרברענגען זייערע לעצטע טעג ארומלויפענדיג איבער די פעלדער און רייצענדיג דעם פּאָעט'ס פאַנטאַזיע.

ווי אַזוי דיזע פאַרשאָלטענע באַשעפענישען פאַרוואַנדלען זיך אין הימעל שעהנע מאָטילקעלעך איז איינע פון די אינטערע־ סאַנטסטע פּראָצעסען פון דער נאַטור. די ווערימלעך טוען דאָס פאַרבאַהאַלטענערהייד, אַז קיינער זאָל פון דעם סיקרעט ניט גנב'ענען. פון זייער עסענוואַרג, שפּינען זיי מיטען מויל אויס ארום זיך אַ שאָלעכץ אָדער שיידעל, אין וועלכע זיי פאַרבלייבען ביז די פאַרוואַנדלונג איז פאָלקאָמען. ראַן ברעכען די פאַרפּוצטע אינזעקטען אויף זייערע פּריוואַטע דרעסינג רומס און פליהען אַרויס אויף גאָט'ס וועלט, איבערלאָזענדיג זייער שאָלעכץ אויף אייביג.

אָט דיזע שיידלען, אָדער קאָקונס, ווי זיי ווערען ביזוואַיסט אין דער וויסענשאַפט, ענטהאַלטען אין זיך די רויהע זיירענס. דער קאָקון פון זיידענ־ווערימעל, באַביקס מאָרי, פאַרמאָגט דעם בעסטען מאַטעריאַל. עס באַשטעהט פון צווייענדיגע, רינע, זייגענע פעדים צוזאַמענגעקלעפּט מיט אַ פאַרהאַרטעוועטע גו־

מעדינע מאסע, וועלכע לייזט זיך אויף אין הייסע וואסער און די פעדים ווערען פאנאנדערגעוויקעלט.

כינא איז געווען די ערשטע לאנד צו האָדעווען דעם זיידענ־ווערימעל פאר אינדוסטריעלע צוועקען. עס איז היסטאָריש באַוויזען, אז די כינעזער האָבען פּראָדוצירט זיידענס מיט צוויי טויזענד זיעבען הונדערט יאָהר פאר דער קריסטליכער צייטרעכנונג. בלויז די קייזערליכע פאמיליע האָט זיך אין יענער צייט מיט דער ארבייט אָפּגעגעבען. זיי האָבען דאָס געהאַלטען פאר א סוד, וועלכען עס לוינט ניט אָנפאַרטרויען צו געוועהנליכע אונטערטאַנען. מיט דער צייט איז, אָבער, דער סוד אויסגערונען און די אינדוסטריע האָט זיך שטאַרק ענטוויקעלט איבער'ן גאַנצען לאַנד. פון כינא איז די ארבייט פארשפרייט געוואָרען, פריהער אין יאַפּאַן און נאָכדעם אין פראַנקרייך און איטאַליען.

אין אמעריקא האָט מען פיעלע מאָל געפּרובירט קולטיווירען די זיידענ־אינדוסטריע, אָבער אָהן ערפאָלג. אזא ארבייט באַצאָהלט זיך דאָ ניט. מען דאַרף די ווערימלעך פריהער אויסהאָדעווען. נאָכדעם דאַרף מען זיי אויסהיטען ביז זיי בויען אַרום זיך אויס די קאָקונס. דאן מוז מען די קאָקונס פּאַרען אין הייסע וואסער ביז די אינזעקטען שטאַרבען אָפּ. דאָס מוז געטאָן ווערען איידער די צייט קומט, ווען זיי ברעכען אויף די קאָקונס אין צורייסען דורבדעם די פעדים, וועלכע זיינען געוועהנליך פון 400 ביז 1300 יאַרד די לענג. יעצט הויבט זיך אָן א גאַנץ נייער פּראָצעס פון לויז מאכען די גומע, וועלכע האַלט די פעדים צוזאַמען, אָפּוויקלען די זיידענס, אָפּוואַשען פון דעם די קלעפּעדיגע מאַסע, טריקענען, א. ז. וו. און נאָך אַלעמען קריגט מען פון קאָקון אַרויס בלויז אַרום צעהן פּראָצענט פון וואָס מען קען שפּינען גוטע זיידענס.

עס איז דאריבער, לייכט צו זעהן ווארום כעמיקער ווילען צונעהמען פון זיידענ־ווערימעל זיין פרנסה — ווארום זיי זוכען שנעלע מעטאָדען צו מאַכען זיידענס. עס קוקט אפילו אויס צו זיין א שווערע שטיקעל ארבייט נאָכצומאַכען אן אָרגאַנישען פּראָדוקט וואָס ווערט באשאַפען פון דעם קערפּער פון א לעבעדיגע זאַך, אָבער שטעלען דען כעמיקער ניט צוזאַמען אין די לאַבאָראַטאָריעס די שעהנסטע פארבען וועלכע נאָר פלאַנצען פלעגען פּראָדוצירען ביז מיט א פּאָר צעהנדליג יאָהר צוריק? מאַכען דען זיי ניט לעדער, גומע אין פיעלע קאָמפּליצירטע אָרגאַנישע אוילען און זאַלצען?

נון, דער פאַקט איז, אז מען קען נאָך אַלץ ניט מאַכען אין לאַבאָראַטאָריע ריכטיגע זיידענס, מען קען אָבער דעם אַרטיקעל גוט נאָכמאַכען, מען קען דאָס נאָכמאַכען אַזוי גוט, אז די מעה״סטע מענשען קענען די נאָכגעמאַכטע סחורה ניט אונטערשיידען פון אמת'ע זיידענס.

עס זיינען ביז יעצט ענטדעקט געוואָרען פאַרשיעדענע כעמישע פּראָצעסען דורך וועלכע מען קען נאָכמאַכען זיידענס. דאָס זיינע דער שאַרדאָנעי פּראָצעס, דער פּראָצעס פון קופּער־אַמאָניום און דער וויסקאָוס פּראָצעס.

דער שאַרדאָנעי פּראָצעס ווערט אזוי גערופען צוליעב דעם נאָמען פון דעם מאַן, וועלכער האָט דעם פּראָצעס דער ערשטער פּאַטענטירט. די רויהע מאַטעריאַל וואָס ווערט גענוצט אין דיזען פּראָצעס איז פלאַנצען צעלשטאָף, פון וואָס באַוועל ברענגט אַרויס דעם בעסטען פּראָדוקט.

אויב איהר ווייסט דאָס ניט, איז ווערט אז איהר זאָלט דאָס וויסען, אז די קערפּערס פון פלאַנצען, זיינען, צוגלייך מיט די קערפּער פון מענשען און חיות, צוזאַמענגעשטעלט פון קליינינקע מיקראָסקאָפּישע צעלען, אָדער קעסטעלעך, וועלכע זיינען איינע אין דער אנדערע איינגעשלאָסען. די צעלען פון פלאַנצען זיינען געבויט פון א גרויסען פּראָצענט פון איינאַרטיגען שטאָף, וועלכען מען רופט צעלשטאָף. באַוועל אָדער וואַטע, וועלכע ווערט, ווי איהר ווייסט, באשאַפען פון דער באַוועל פלאַנצע איז כמעט אין גאַנצען ריינע צעלשטאָף.

אַלזאָ, די באַוועל צעלשטאָף ווערט אין שאַרדאָנעי'ס פּראָצעס צוערשט פאַרוואַנדעלט אין נייטראָצעלשטאָף. דאָס איז א כעמישער פאַרבאַנד פון צעלשטאָף און ניטריק עסיד, דיזער פאַרבאַנד ווערט אויפגעלעזט אין א מישונג פון אַלקאָהאָל און איטהער — אַלקאָהאָל איז די געלייטערטע ספּיריט און איטהער איז א פליסיגקייט וועלכעס ווערט געמאַכט פון אַלקאָהאָל און וואָס ווערט אָפט גענוצט צו פאַרשלעפערען קראַנקע.

ווען מען טוט די אויפגעלייזטע צעלשטאָף אַריין אין וואסער, טיילט זיך דאָס אָפּ פון די ספּיריט און איטהער אַלס די ווייסע מאַסע פון וועלכע מען קען שפּינען פעדים. אין דער פּראַקטיק ווערט די נייטראָצעלשטאָף אין די ספּיריט און איטהער דורכגעשאָסען דורך זעהר דינע גלעזערנע רעהרלעך, וועלכע קומען זיך צוזאַמען אין א שפּיץ פון וואַנען די דינע פאַרגליווערטע פעדים קומען אַרויס און ווערען גלייך צוזאַמענגעפלאָכטען צו צעהן אָדער מעהר אין איין איינציגען שטאַרקען פאָדים. דאן ווערען די צונויפגעפלאָכטענע פעדים געוויקעלט אין וואַרימע וואסער וועלכ האָט אין זיך אויפגעלייזט פון פינף ביז צוואַנציג פּראָצענט פו דעם כעמישען שטאָף אַמאָניא־שוועבעל. דאָס טרייבט אַרויס ד ניטריק עסיד פון די נייטראָצעלשטאָף. עס פאָדערט נאָך א ביסעל וואַשען און טריקענען ווען, צום ענדע, קומען די פעדי אַרויס גלאַנציגער און אָפט שעהנער פון אמת'ע זיידענס.

דער שאַרדאָנעי פּראָצעס איז ניט קיין גרויסער קאָמערציע לער ערפאָלג. די זיידענס האָט ניט די געווינשטע שטאַרקיי און איז עטוואָס ברעקעלדיג, ערגער פון אַלץ איז וואָס די כעמיש שטאָפען וועלכע ווערען גענוצט אין דעם פּראָצעס, ספּעציעל ד אַלקאָהאָל און איטהער, קאָסטען זעהר טייער.

אין דעם קופּער־אַמאָניא פּראָצעס מוז מען נוצען בלויז צעל שטאָף פון באַוועל. עס קען אָבער זיין אָפּפאַל פון דער באַוו אינדוסטריע, מען קען אויך נוצען אַלטע מאַטראַצען און אנדער באַוועלנע רעגס.

די באַוועל אָפּפאַל ווערט צוערשט געקאָכט אין שטאַרק וואַש־סאָדע, וועלכע נעהמט אַרויס פון די באַוועל די פעטס א אַנדערע פּסולת. דאן ווערט דאָס ווייס געמאַכט מיט דע הילף פון כלאָר זאַלץ און עס ווערט אויפגעלייזט אין קופּער־אַמאָ ניום. דאָס איז א קאָמפּליצירטער בלויער כעמישער פאַרבאַנ וועלכער באַשטעהט פון קופּער און אַמאָניא. עס קומט אַרויס דיקע פליסיגקייט, וועלכע ווערט, ווי אין שאַרדאָנעי'ס פּראָצע דורכגעשפּאַרט דורך דינע רעהרלעך, נאָר אַנשטאָט אין וואַס אָדער אין דער לופט, ווערט דאָס אין דיזען פּראָצעס פאַרגליווער און געשפּונען אין שטאַרקע שוועבעל עסיד. די ארבייט מוז ג טאָן ווערען אין זייער קאַלטע צימערען, אונטער דער טעמפּעראַ טור וואָס וואַסער ווערט פאַרפרוירען, אז ניט ווערען די כעמיש שטאָפען איבערגעפיהרט.

ווייל די טעכניק איז זעהר א שווערע, רייניקען פיע כעמיקער, אַז דער קופּער־אַמאָניום פּראָצעס האָט ניט קיין צ קונפט, אָפּגעזעהן דערפון וואָס איינע פאַבריקען אין אייראָפּ האָבען געהאַט ערפאָלג. דער שרייבער ווייסט אָבער פון א קאָ פּאַני וואָס האָט דעם פּראָצעס גוט אויסגעאַרבייט און עס ווער געהאָפט, אז נאָר אין גיכען וועט אין אמעריקא אויסגעבויעט וו רען א גרויסער פאַבריק צו פאַרוואַנדלען באַוועל אָפּפאַל א „זיידענס" נאָך דיזען פּראָצעס.

דערווייל איז דער וויסקאָוס פּראָצעס דער ערפאָלגרייכסט אין די פאַראייניגטע שטאַאַטען, דיזער פּראָצעס איז אויסגעא בייט געוואָרען פון צוויי ענגלישע כעמיקער אין 1892 און א 1904 איז אין ענגלאַנד געגרינדעט געוואָרען די ערשטע פאַבר פאַר דיזען צוועק, אין מאַרקוס הוק, א פאָרשטאָדט פון פילאַדע פיא, איז דאָ א וויסקאָוס פאַבריק וועלכע באַשעפטיגט אריב טויזענד ארבייטער. די קאָמפּאַני, זאָגט מען, האָט לעצטען יאָ געמאַכט פּראָפיט צעהן מיליאָן דאָלאַר.

אין דיזען פּראָצעס קען מען נוצען צעלשטאָף פון האָ נאָכדעם ווי די האָלץ מאַטעריאַל ווערט געקאָכט אין כעמי שטאָפען און איז אין דער פאָרמע פון ווייסע קאַשע, לייזט דאָס אויף אין א שטיקענדער פליסיגקייט, וועלכע איז צוזאַמ געשטעלט פון קאַרבאָן אָדער קוילען שטאָף און שוועבעל. דער קומט אַרויס א געדיכטע מאַסע וואָס האָט א גאָלדענעם גלאַ א דאַנק די געדיכטקייט פון דיזע פליסיגקייט רופט מען ד פּראָצעס וויסקאָוס, וואָס מיינט אין ענגליש געדיכט און קלע דיג.

די געדיכטע מאַסע ווערט אויסגעמישט מיט וואסער און דורכגעזייעט, ווען דאָס איז פאַרטיג דורכצופיהרען דורך די ר

# רעליגיעזע, נאציאנאַליסטישע און וועלטליכע אידישקייט

יעקב לעווין.

זינט דעם ערשטען חורבן איז דאָס אידישע פאָלק אלע
ל געוועזן טעאָקראַטיש (אונטער די הערשאַפט פון די כהנים)
ער וועניגסטענס טעאיסטיש, רעליגיעז. זיין קאָנסטיטוציע
ז געוועזן די תורה. כל זמן דער בית המקדש איז געשטאַנען
ן די קרבנות זיינען געוועזן דער הויפט אויסדרוק פון דיענען
ט, זיינען די כהנים און דער כהן־גדול געוועזן די פיהרער פון
לק. שפּעטער האָט מען געקאָנט דיענען גאָט נאָר דורך
וונען און לערנען; זיינען די לערנער, די אויסטייטשער פון
ר תורה, געוואָרען די פיהרער.

דאָס גאַנצע גייסטיגע לעבען פון די אידישע מאַסען, אזוי
יך ווי פון די העכערע קלאַסען, איז געוועזן אונטער דער
הן פון רעליגיע. גלויבען אין גאָט, דיענען גאָט, ליעבען גאָט,
רנען זיין תורה — דאָס איז געוועזן דער אידעאַל פון יעדען
דען. אָבער אויך אַנדערע זייטען פון לעבען, וואָס האָבען
יפ׳ן ערשטען בליק גאָרנישט צו טאָן מיט רעליגיע, ווי
גיענישע כללים (די באַציהונג פון מענשען צו זיך אליין) און
זישע כללים (די באַציהונג פון מענשען צו מענשען), האָבען
טראָגען אויף זיך א רעליגיעזען שטעמפּעל. ניט עסען קיין
לות און קיין טרפה, וואַשען זיך פאַר׳ן עסען, אָפּגעבען כבוד
ם פאָטער און מוטער, ניט גנב׳ענען, ניט גזל׳ענען, א. ד. ג.
נען געוואָרען מצוות, וואָס פאַר ניט אויכפאָלגען זיי האָט
אָל אויך געקאָנט באַשטראָפען אן ערדישער ריכטער; אָבער
קומען מיט אזא שטראָף אליין האָט דער „זינדיגער" אָדער
אַרברעכער" ניט געקאָנט. אויף איהם האָט נאָך געלויערט
זונדערס די שטראָף פון גאָט, פאַר ניט אויספאָלגען א די־
קטען חוב צו איהם, ווי למשל, פאַר ניט דאַווגען, פאַר ניט
טען שבת, א. ד. ג. די לעצטע אינסטאַנץ פאַר באַלוינונג און
טראָף איז געוועזן ניט די, נאָר יענע וועלט, דער גן־עדן
ן דער גיהנום.

אין משך פון מיטעלאַלטער האָט אויך איבער דעם לעבען
ן אלע אַנדערע פעלקער פון אייראָפּע, געשוועבט דער גייסט
ן רעליגיע און געדריקט די מאַכט פון דער קירכע. די רעליגיע
ז געוועזן דער העכסטער אויטאָריטעט. אָבער אָנהויבענדיג
ן דער רעפאָרמאַציע האָט די באַדייטונג פון דער רעליגיע אויף
ם אייראָפּעאישען לעבען אָנגעהויבען צו פאַלען; ביסלעכ־
יז איז ביי זיי די רעליגיע פאַרטריבען געוואָרען אין די
גע פיער איילען פון דער איינזאמער קירכע און פון די
ליכע רעליגיעזע ימים־טובים. גאָט מוז זיך איצט ביי זיי
נוגענען מיט די זעלטענע תפילות, מיט די נדבות פאַר׳ן
סטאָר און מיט די וועניגע צערעמאָניעס ביים געבאָרען ווע־
רען, חתונה האָבען און שטאַרבען. אלע אַנדערע געביטען —
די געזעצגעבונג, די וויסענשאַפט, די בילדונג, די מעהרהייט פון
די ימים־טובים, די היגיענע, בכלל די באַציהונגען פון מענשען
צו מענשען און צו זיך אליין — די אלע געביטען זיינען ביי
זיי ריין וועלטליך.

ביי די אידען אָבער, וועלכע האָבען געוואוינט אין זייערע
געטאָס, ווייט פון די פרייע ווינטען, וואָס האָבען געבלאָזען פון
די געביטען פון וויסענשאַפט און פילאָזאָפיע, האָט דער מיטעל־
אַלטער זיך געצויגען פיעל לענגער: אין אלע לענדער — ביז׳ן
סוף פון 18טען י. ה.; אין רוסלאַנד און פוילען, וואו עס האָט
זיך געפונען דער גרעסטער און וויכטיגסטער טייל פונ׳ם אידי־
שען פאָלק — ביז׳ן מיטען פון 19טען י. ה. און אין געוויסע
טיילען פון פוילען און גאַליציען אפילו נאָך ביז סאַמע אָנפאַנג
פון דער מלחמה. דער איד האָט געטיילט זיין צייט צווישען
דעם פלאַץ פון זיין אַרבייט אָדער מסחר און דער שוהל. ער
האָט דריי מאָל אין טאָג געדאַווענט; און יעדער פרייער צייט
פלעגט ער זיך אַריינכאַפּען אין בית המדרש און דאָרט כאַפּען
א פרק משניות, א שטיקעל עין־יעקב, א בלעטעל גמרא. אלע
זיינע שמחות און טרויערן זיינען געוועזן רעליגיעזע; און אָהן
דער סאַנקציע פון רעליגיע איז דער געבאָרענער קיין איד ניט
געוואָרען, די חתונה געהאַטע — ניט קיין מאַן און ווייב, זיי־
ערע קינדער ממזרים, א. א. וו. דאָס גאַנצע גייסטיגע לעבען פונ׳ם אידען איז, אלזאָ, געוועזן פאַרבונדען הויפטזעכליך ניט מיט דער וועלט, נאָר מיט יענער; ניט מיט דער ערד, נאָר מיט׳ן הימעל. איבעררייסען מיט דער אידישער רעליגיע האָט דעמאָלט געהייסען — איבער־
רייסען מיט׳ן אידישען פאָלק.

די דערציהונג פון די קינדער, וואָס דאַרף אָנמערקען דעם
וועג פאַר דער אנטוויקלונג פונ׳ם פאָלק אין א געוויסער ריכ־
טונג, אַנטשפּרעכענד די אַנשויאונג פון די עלטערן, איז, פאַר־
שטעהט זיך, אויך געוועזן ריין רעליגיעז. אין חדר
האָט מען די קינדער געלערענט דאַוונען, באַקאַנט געמאַכט זיי
מיט׳ן חומש און מיט אַנדערע הייליגע ספרים, וואָס זיינען גע־
וועזן געשריבען אויף דער הייליגער שפּראַך, צוגעוואוינט
זיי צו מצוות און איינגעפלאַנצט די מורא פאַר גאָט. און די
ווייטערדיגע, העכערע בילדונג איז באַשטאַנען אין לערנען די
הייליגע גמרא, די פסוקים, מוסר־ספרים, א. ד. ג.

אין די זעכציגער יאָהרען האָט זיך אָנגעהויבען די
השכלה באַוועגונג צווישען די אידען אין רוסלאַנד.
צוערשט האָט זיך דער משכיל באַנוגענט בלויז מיט פּראָטעס־
טירען געגען דעם „ובחוקותיהם לא תלכו", ניט נאָכמאַכען די
גוים, ניט געהן אין זייערע וועגען. ער האָט זיך אָנגעהויבען
צו קליידען קורץ, צו גאָלען די באָרד, צו לערנען די שפּראַך
פון לאַנד און די וועלטליכע וויסענשאַפטען. שפּעטער אָבער
האָט די השכלה אויך אָנגעהויבען אַרויסצוגעבען אפּיקורסים,
וועלכע האָבען אונטער דער ווירקונג פון די אידעען פון דער
נאַטורוויסענשאַפט, וואָס האָבען דעמאָלט געהערשט, זיך דער־
קלערט פאַר אנטי־רעליגיעז אָדער וועניגסטענס אַרעליגיעז
(ניט רעליגיעז). אָבער פון די דאָזיגע אַנטי־רעליגיעזע אָדער
אַרעלעגיעזע אידען האָט נאָר זעהר א קליינער, כמעט אַן אונ־
באַדייטענדער טייל איבער גענומען די קולטור פון דעם אַרום,
זיך אָפּגעזאָגט פון דער אייגענער קולטור, זיך אַסימילירט און
אַוועק ווייט פון דעם פאָלק. ביי דער גרעסטער מעהרהייט פון
זיי האָט די אַרעליגיעזיטעט ניט איבערגעריסען זייער אָנגעהע־
ריגקייט צום פאָלק, מעהרנישט זייער אָנגעהעריגקייט האָט
אויפגעהערט צו טראָגען א ריין רעליגיעזען כאַראַקטער; זייער־

---

הרלעך, וועלכע זיינען אין דיזען פאַל געמאַכט פון פּלאַטינום.
פעדים קומען אַרויס אין קאַסטענס שוועבעל עסיד און ווערען
רשטייפט און געשפּינען ווי אין די אַנדערע פּראָצעסען.

וואָס איז דער אונטערשיעד צווישען נאָכגעמאַכטע און נאַ־
רליכע זיידענס? אמת׳ע זיידענס איז זעהר שטאַרק, נאָכגע־
כטע איז פאַרהעלטענמעסיג שוואַך. נאָכגעמאַכטע זיידענס
רט אין וואַסער אָנגעשוואָלען און צוקריכט זיך מיט דער צייט,
יף נאַטירליכע זיידענס האָט וואַסער קיין איינפלוס ניט. ריכ־
גע זיידענס איז דין, לייכט און געדיכט, כעמישע זיידענס איז
ק, שווער און עס לייכט זיך דורך. נאָכגעמאַכטע זיידענס
אַקט ניט אונטער די פינגער ווי דאָס טוט די ראַיעלע סחורה.
דער פאַכמאַן קען דורך כעמישע מיטלען לייכט אונטערשיע־
ן צווישען די זיידענס געמאַכט פון זיידען־ווערימעל און די
רשיידענע פאַבריצירטע שטאָפען. פאַר אייך זיינען די מע־
דען ניט וויכטיג, ווייל אין מעהרסטע פעלע קען מען די אויס־
פּרובירטע אַרטיקלען מעהר ניט נוצען.

גייסטיג אידישע לעבען האָט נאָר באַקומען אַן אַנדער פאַרב — אַ נ אַ צ י אָ נ אַ ל י ס ט י ש ע.

דאָס גייסטיגע לעבען פון די משכילים איז מעהר ניט געווען פאַרבונדען מיט יענער וועלט, מיט'ן הימעל; עס איז אָבער אויך ניט געווען צונויפגעבונדען מיט דער געגענוואַרט מיט די רעאַלע באַדינגונגען פון לעבען (וועלכע האָבען אגב געהאַלטען אין אַרויסגליטשען זיך פון אונטער זייערע פיס, ווייל זיי האָבען געהערט געוועהנליך צום אידישען בעל־הבית'ישען קלאַס, וועמעס אונפּראָדוקטיווער מסחר און האַנדעל האָט געמוזט אָפּטרעטען אַלץ מעהר און מעהר פּלאַץ דער פּראָדוקטיווער אַרבייט). זייער גייסטיג לעבען איז דעריבער פאַרבונדען געוואָרען מיט'ן עבר (פאַרגאַנגענהייט). זיי האָבען אידעאַליזירט דאָס אַמאָליגע אידישע לעבען; האָבען אָנגעהויבען צו באַציהען זיך ראָמאַנטיש צו־דער דער שפּראַך פונ'ם עבר — צו העברעאיש און אָנגעהויבען זי אויפצוקלערען; און ווען ביי זיי זיינען געבאָרען געוואָרען די האָפענונגען אויף דער צוקונפט, האָבען זיי — דאָס זיינען די חובבי־ציוניסטען און דערנאָך די ציוניסטען — די האָפענונגען גלייך פאַרבונדען מיט דעם לאַנד פון דעם עבר — מיט ארץ־ישראל. (און צוזאַמען דערמיט איז ביי זיי געוואַקסען די גלייכגילטיגקייט אָדער די פיינדשאַפט צום רעאַלען לעבען, צו דער לעבעדיג אידישער שפּראַך און לסוף אויך צו די טרעגער פון דער שפּראַך — צו די ברייטע אידישע מאַסען).

אַזוי איז אַנשטאַט אַ רעליגיעזען אידען אויסגעוואַקסען אַ נ אַ צ י אָ נ אַ ל י ס ט י ש ע ר איד. מיט דער צייט אָבער איז ביי אַט די אידען, וועמעס „אידישקייט" איז געווען אולטראַ־ראָמאַנטיש, די רעליגיע אַליין, די עלטסטע אידישע אינסטיטוציע, געוואָרען אַ שטיק נאַציאָנאַליזם. זיי האָבען אויפגעהערט צו זיין געגען רעליגיע, אָנגעהויבען צו קוקען אויף איהר ווי אויף אַ גרויסען נאַציאַנאַליזירענדען פאַקטאָר, איבערהויפּט פאַר די מאַסען, און גענומען באַציהען זיך צו איהר גאַנץ וואַרים, ווי אַ שטיק אידישער ראָמאַנטיק.

די נאַציאָנאַליסטישע עפּאָכע האָט געשאַפען אַ נייע העברעאישע ליטעראַטור, העברעאישע צייטונגען און די ציוניסטישע באַוועגונג. אָבער דער בולט'סטער אויסדרוק פון דער נאַציאָנאַליסטישער ריכטונג זיינען די חדרים מתוקנים, די העברעאישע שולען, וועלכע האָבען געדאַרפט שוין פון אָנהויב אָן איינפלאַנצען אין דעם יונגען דור די נייע נאַציאַנאַליסטישע אידעאַלען. דער לימוד אין זיי איז געפיהרט געוואָרען אויף העברעאיש, און זייער צוועק איז געווען — אויסלערנען דאָס קינד רעדען אויף דער שפּראַך פון אַמאָל, אַרויסרופען ביי איהם ליעבע צום אידישען עבר און שאַפען ביי איהם אַ בליק אויף דער אידישער צוקונפט ווי אויף אַ ו ו י ד ע ר ה אָ ל ו נ ג פונ'ם אידישען עבר.

אין די נײנציגער יאָהרען פונ'ם פאַרגאַנגענעם יאָהרהונדערט, האָט זיך אין רוסלאַנד אָנגעהויבען אַ באַוועגונג, וועלכע האָט אָנגערירט אַ סך ברייטערע שיכטען, ווי די השכלה באַוועגונג, דאָס איז די אַרבייטער באַוועגונג. די לעצטע האָט ביי די אידען געמוזט אָננעמען טיילווייז אַן אַנטי־רעליגיעזען כאַראַקטער. כדי אָנצוהויבען קעמפען עקאָנאָמיש געגען די בעל־הבתים און פּאָליטיש געגען קיסר, האָבען די אַרבייטער געמוזט צערייסען מיט זייער פריהערדיגען גלויבען, אַז דאָס האָט שוין גאָט אַזוי געמאַכט, אַז די בעל־הבתים זאָלען זיין רייך און די אַרבייטער אָרים, און אַז די מאַכט פונ'ם קיסר איז אויך פון גאָט'ס האַנט; זיי האָבען געמוזט אַרויסטרעטען געגען דעם גאָט פון די רייכע און מאַכטהאַבענדע און לסוף אינגאַנצען צערייסען מיט איהם און מיט אַלע זיינע מצוות און עברות, דינים און דינים'לעך אַזוי, אַז מיט דער צייט איז די „פרייקייט" געוואָרען איינער פון די סימנים פון אַ באַוואוסטזיניגען אַרבייטער.

אָבער דערמיט האָבען די אַרבייטער ניט צעריסען מיט'ן פאָלק, ווייל, נאָך אַלעמען, זיינען זיי, די אַרבייטער, די ברייטע מאַסען, דאָך דאָס פאָלק. זיי האָבען אויפגעהערט צו זיין רעליגיעז, ווייל די רעליגיע האָט זיך געשטעלט — און זאָל זיין נאָר אויף איהר ערשטען בליק — געגען זייערע אינטערעסען. זיי זיינען אויך ניט געוואָרען נאַציאָנאַליסטיש, ווייל דער נאַציאָנאַליזם האָט אָפּגעצויגען די אויפמערקזאַמקייט פון דער געגענוואַרט, מיט וועלכער די אַרבייטער קומט אויס צו רעכענען זיך שטאַרק אין זייער טאָג־טעגליכען קאַמף, און פון דער צוקונפט אין דער פאָרם, ווי די אַרבייטער שטעלען זיך פאָר, און זי האָט געצויגען צוריק צום ערד, אין וועלכען דער אַרבייטער איז גאָר ניט פאַראינטערעסירט. פאַרקעהרט נאָך — אַ דאַנק דעם, וואָס די ראָמאַנטישע נאַציאָנאַליסטען האָבען זיך אָפּגעשטעלט אין די רייהען, וואָס זיינען פיינדליך צום אַרבייטער, איז דער לעצטער אפילו געוואָרען אינטערנאַציאָנאַליסטיש, אָבער קיינמאָל ניט ניט אידיש.

סיי רעליגיע און סיי נאַציאָנאַליסטישקייט זיינען בלויז גרויסע צ י י ט ו ו י י ל י ג ע אויסדרוקען פאַר אַ סכום פון גייסטיגע אידישע גיטער, וועלכע האָבען אַ פּאָזיטיווען ווערט נאָר אין זייער צייט, און פאַרלירען זייער ווערט און באַקומען נאָך פאַרקערט אַ ריין נעגאַטיווע באַדייטונג, וויבאַלד עס שאַפט זיך אַ נייער, ריינערער און העכערער אויסדרוק פון אידישקייט. און דער דאָזיגער ריינער און העכערער אויסדרוק — פון אידישקייט — איז די ו ו ע ל ט ל י כ ע אידישקייט פונ'ם אַרבייטער.

דער אַרבייטער האָט זיך אַנשטאַט דער רעליגיעזער שוהל־סביבה געשאַפען אַ נייע וועלטליכע סביבה. ער האָט אָנגעהויבען צו גרינדען פּאָליטישע קרייזלעך און פאַראיינען און שפּעטער אויך קולטורעלע פאַראיינען, וואו ער האָט פאַרבראַכט זיין פרייער צייט. און אויך זיין גייסטיגע שפּייז האָט ער אָנגעהויבען צו שעפּען פון וועלטליכע קוואַלען: עס איז אויסגעוואַקסען אַ וועלטליכע אידישע ליטעראַטור, וועמעס לעזער עס זיינען צוערשט געוואָרען בלויז אַרבייטער; שפּעטער זיינען געקומען די אידישע צייטונגען און זשורנאַלען. און דאָס אַלץ האָט דער אַרבייטער באַקומען ניט אויף דער הייליגער טויטער שפּראַך פון פאַרצייטענס, נאָר אַדיף דער וואָכעדיגער, וועלטליכער אָבער דערפאַר לעבעדיגער שפּראַך פון דער געגענוואַרט, אויף דער שפּראַך, וועלכע איז אַנגענעם פאַר זיין אויער און נאָהענט צו זיין האַרצען — אויף אידיש.

און לסוף האָט דער אידישער אַרבייטער געשאַפען די אינסטיטוציע, וואָס האָט געקאָנט אַמבעסטען באַוואוסטזיניג העלפען דער אַנטוויקלונג פון דער נייער סביבה. ניט דער רעליגיעזער חדר און ניט דער נאַציאָנאַליסטישער חדר מתוקן האָבען דעם וועלטליכען אידישען אַרבייטער געקאָנט באַפרידיגען, און ער האָט אָנגעהויבען אַ באַוועגונג פאַר אַ וועלטליכער אידישער שול מיט אידיש אַלס אונטערריכט־שפּראַך. נאָך פאַר דער מלחמה האָבען זיך אין פיעל ערטער אין רוסלאַנד אַזעלכע שולען שוין געהאַט געגרינדעט, און נאָך דער רעוואָלוציע איז דאָס פעלד פאַר אַזעלכע וועלטליכע אידישע שולען געוואָרען פיעל ברייטער און צייטיגער.

(שלום קומט.)

---

דו זעהסט אָרום עלענד און נויט, קראַנקהייט און אונבעהאָלפענקייט? — וועל, דאָס איז דער רעזולטאַט פון ק אַ פּ י ט אַ ל י ז ם. דער אַרבייטער רינג זעהט עס צו פאַרמילדערען און פאַרלייכטערען — סאָציאַליזם וועט עס אָ פּ ש אַ פ ע ן.

* * *

עס וועט זיין אייער שולד, אויב מיר וועלען נישט קאָנען צעהלען 70 טויזענד מעמבערס אין מאַי 1919. נעמט זיך שוין צו דער אַרבייט!

* * *

אַ מיליאָן דאָלאַר פאָנד פאַר'ן סאָציאַליסטישען קאַמפּיין פאָנד. וואָס פאַר אַ גרויסע סומע! אָבער וויפיעל גרויסע זאַכען קענען מיר אויפטון מיט דעם!

* * *

שעקספּיער האָט אַמאָל געזאָגט: „אָפט דיענט אַ פאַל כדי זיך מיט מעהר מוטה אויפצוהויבען." נאָך דעם איצטיגען שרעקליכען אומגליקס־פאַל פון דער מענשהייט וועט זי אויפשטעהן מיט מעהר מוטה, פעסטקייט און גלויבען און וועט וואַגען צו טאָן אַזעלכע זאַכען, וואָס זי האָט נאָך ביז איצט ניט געוואַגט.

י. ב. ביילין:

# רחל'ע די שטיפערין

(א קינדער מעשה).

זי איז געווען באַקאַנט אין גאַנצען שטעדטעל מיט'ן נאָמען „די שטיפערין". ניט נור קינדער' נאָר אפילו דערוואַקסענע אינגלעך און מיידלעך האָבען ליעב געהאַט מיט איהר צו שפּיעלען זיך. שטענדיג פרעהליך, לאַכענדיג און האַלב טאַנצענדיג. שטענדיג גוטמוטיג און מיט פינקעלדיגע ברוינע קאַרשען־אויגען און א קלאָרער ווייסער געזיכט, וועלכער איז גאַנץ אָפט געווען, דאָ און דאָרט, אויסגעשמירט און איינגעריכט.

עס איז גענוג געווען, דאָס זי זאָל זיך נאָר דערזעהן פון דער ווייטענס שפּרינגענדיג, ווי א ציגעלע און די קינדער האָבען געלאָזט זייער שפּיעל און געלאָפען אַנטקעגען רחל'ען, ארומגערינגעלט איהר פון אַלע זייטען, און, מיט אָפענע מיילער געוואַרט און געקוקט אויף איהר, וואָס פאַר א מין שטוקע זי וועט עס היינט אויפשפּיעלען. זי איז געווען אַביסעל צו־הויכלעך פאַר איהר עלטער. אין גאַנצען ניין יאָהר און זי האָט שוין אויסגעקוקט, געוואַקסיג, ווי איינע פון פערצעהן, דערפאַר האָבען איהרע אויגען אַזוי קינדעריש געשטיפט און געזשמורקעט, ווי זי וואָלט געווען א פינף יעהריגע בת־יחידה.

איהרע שטוקעס פלעגען מעהרסטענס באַשטעהן אין פאַרשיעדענע קינדערשע קונצען, ווי א פינגער־מיהל, א פּאַפּירענע פויגעל מיט פאַנאַנדערגעלאָזענע פליגלען, א שיף מיט אויסגעשפּרייטע פּארוסען, אָפט מאָל האָט זי אויך געמאַכט גימנאַסטישע קונצען, וואָס זי האָט זיך אויסגעלערנט פון איהרע א אינגערע קוזינע, וועלכע פלעגט אָפט קומען צו פאָהרען אויף יום־טוב פון דער גרויסער שטאָדט. פון דיזער קוזינע, אייגענטליך, האָט זי זיך אויסגעלערנט אַלע פאַרשיעדענע קונצען, וואָס זי האָט זיי שפּעטער א סך בעסער און א סך געשיקטער געמאַכט ווי איהר יונגע לעהרערין.

איינמאָל איז זי צוגעקומען גראַד עפּעס שטיל צו א „קאָמאַנדע" קינדער, אינגלעך און מיידלעך, וועלכע זיינען געווען אַזוי פאַרטיעפט אין זייער שפּיעל, זיצענדיג אויף דער ערד, דאָס זיי האָבען איהר גאָר ניט באַמערקט צוקומענדיג. מיט אַמאָל האָט איהר איינער באַמערקט, ווי זי שטעהט לעבען זיי און בלאָזט עפּעס אין א שטרוי.

— זעהט קינדער, א נייע שטוקע — האָט דער אינגעל אַזוי ווי א דערפרעהטע קעלבעל אויסגעשריען.

אַלע קינדער זיינען אויפגעשפּרונגען מיט א געפילדער. די צייכען מיט וואָס זיי האָבען געשפּיעלט זיינען צעוואָרפען געוואָרען אין אַלע זייטען און דער אינגעל, וועלכער איז געווען זייער בעל־הבית האָט זיך צעכליפּעט פון גרויס הארץ־וועהטאָג — און אַוועקגעלאָפען מיט יללות אהיים.

ווער האָט אָבער געקוקט אויף איהם? אַלע אויגען זיינען געווען צוגעשמידט צו רחל'ן:

זי האָט אויסגעבלאָזען פון א געוועהנליך לענגליכען שטרוי א שעהנע פיעל פאַרביגע גלאַנציגע קויל, וואָס איז געפלויגען עטליכע צעהנדליגע סעקונדען ארויף און געבליצט מיט גרין־בלוי־רויט־גאָלדיגע קאָלירען און מיט איינמאָל געפּלאַצט און נור א קוים באַמערקבארע טראָפּענדעל האָט זיך ווי פון עפּעס צעשפּריצט.

אַלע זיינען געשטאַנען מיט אָפענע מויל און אויערען און אויסגעשפּיצטע פאַררוסענע נעזער אין דער הויך און שיעור ניט געשטאָרבען פאַר וואונדער.

— מאַך נאָך אַזאַ לופט־באַלאָן, רחל'ע טייערע! — האָבען זיך די קינדער ביי איהר גענומען בעטען און רחל'ע גוט און צוגעלאָזען און טאַקע ווי עפּעס אַליין געוואַרט, דאָס זיי זאָלען איהר בעטען, האָט איינגעטונקט דעם שטרוי אין א שערבעלע מיט עפּעס אַזאַ מין פּליסיג־ווייסליכע זאַך, וואָס קיינער האָט ניט געקענט דערקענען וואָס עס איז — און ווידער ארויסגעבלאָזען א פּראַכטפאָלען באַלון.

— אוי, א י ך ווייס, דאָס איז שוים פון א טעפּעל! — האָט איין דאַרער, פאַר'חלומ'טער אינגעל אויסגעשריען.

— זעה ווי עס פליהט, ווי עס שפּיגעלט זיך מיט אַזוי פיעל קאָלירען, ווי די פעדערען פון אונזער גרויסען האָהן! — האָט א געלע, זומער באַשפּרינקעלטע מיידעל, זיך צעשריען, אַזש זאָפּט האָט איהר געשפּריצט פון מויל.

— עס איז צעגאַנגענע שניי, זאָל איך אַזוי לעבען! — האָט בעריל דעם מלמד'ס אינגעל געפּרובט טרעפען.

— גרויסער חכם מיינער, עס איז דאָך שוין באַלד שבועות טו פון וואַנען האָט רחל'ע די שניי גענומען?

אַלע קינדער האָבען זיך פאַנאַנדערגעלאַכט.

און דאָ ציהט רחל'ע ארויס, ווי מיט א כשוף איין ציטערדיגע קויל נאָך די אַנדערע, גרויסע, קליינע, מיטעלע. אַנדערע פּלאַצען גלייך אויף, ווי זיי הויבען נור אָן צו פליהען און אַנדערע הויבען זיך אויף הויך, הויך און אַלע קינדער פאַרדרייסען די קעפּ און קוקען און וואַרטען און ציטערען: אָט־אָט וועט עס פּלאַצען.

א צייט לאַנג שטעהן די קינדער און קריגען זיך און פּרובען זיך טרעפען, וואָס איז עס דאָרטען אין שערבעלע ביי רחל'ען פון וואַנען זי ציהט עס ארויס איהרע זיידענע קוילען. צום סוף פאַרטרויעט זיי רחל'ן דעם סוד, שטיפענדיג מיט איהרע באַ'חנ'טע טונקעלע אויגען.

— קינדער, איהר ווייסט, וואָס עס איז — עס איז דאָך זייף־מולינעס!

— זייף? — ס'איז דאָך טרפה! — פּסק'נט גלייך דעם מלמד'ס אינגעל.

— איך האַלט דען די זייף אין מויל? — פאַרענטפערט זיך פרום רחל'ע און פאַרגלאָצט איהרע אויגען צום הימעל: — אָט זעהט ווי איך טו עס!

זי נעמט ווידער אָן אין שטרוי אַביסעל זייף און בלאָזט פאַנאַנדער אַזאַ ריעזיג גרויסען באַלון, וואָס עס האָט זיך איהר ביז אַהער נאָך ניט איינגעגעבען. דער באַלון וויעגט זיך, ווי א שכור'ער אין דער לופטען, שפּיעגעלט זיך אין אונצעהליגע פאַרבען, דרעהט זיך און כוואַליעט זיך, ווי זיידען־טול און עס פאַרכאַפּט דעם אָטעם ביי אַלע קינדער — טאָמער וועט עס גלייך אויסשיסען און גאָר ניט וועט פון דעם ווערען.

ווי נור דער סוד איז ארויסגעקומען, האָבען זיך די קינדער צעלאָזט אהיים, און אין א קליינע ווייַלע ארום זיינען שוין די צוציקעס ארומגעגאַנגען מיט שטרויעלאַך אין די מיילעכלאַך און אויסגעבלאָזען פיעל־פאַרביגע זייף־בלאָזען.

עס האָט ניט גענומען קיין צוויי שעה און די גאַנצע שטעדטעל קינדער זיינען ארומגעגאַנגען מיט די שטרוי שטעקלאַך, אַזוי דאָס די גאַנצע לופט ארום האָט געציטערט מיט די רעגענבויגענדיגע פאַרב באַלונען, וואָס די קינדער האָבען אויפגעבלאָזען. אַלטע ווייבער און אידען זיינען זיי נאָכגעלאָפען און געפילדערט: „שקצים, טריפניאַקעס, עס איז דאָך טרפות צו נעהמען אין מויל אריין זייף־מולינעס". אָבער זעהר וועניג האָבען זיך דערשראָקען דערפאַר, זיי זיינען אַביסעל ווייטער אָפּגעטראָטען און מיט מעהר חשק געבלאָזען און געבלאָזען, ביז די באַקען האָבען ביי פיעלע פון זיי שטאַרק גענומען וועה טון.

אין שטעדטעל האָט מען שוין פאַרשטאַנען ווער עס איז דער שולדיגער אין די גאַנצע געשיכטע: רחל'ע די שטיפערין! ווער דען איז אַזאַ קונדס צו מאַכען א גאַנצע שטעדטעל מיט קינדער ארומגעהן און אויסבלאָזען טריפה'נע זייפען־בלאָזען! טאַטעס און מאַמעס זיינען אריבערגעגאַנגען צו רחל'עס מאַמען און איהר

נעפּרובט מוסר'ן, אָבער זי האָט ניט געקענט פאַרשטעהן די גרויסע עולה, וואָס איהר שטיפערישע טעכטעריל האָט אָפּגעטון און האָט נור צוגעשמייכעלט.

אָט אַזוי איז מיט רחל'ען שטענדיג געווען פול. די קינדער האָבען זיך שטענדיג געקליבען אַרום איהר, ווי שאָף אַרום אַ טרייען פּאַסטוך און די עלטערע אידען און אידענעס האָבען איהר געהאַלטען אין איין טרייבען און אין איין ציטערען, ווער ווייס נאָך וואָס פאַר אַ מינים טריפה'נע שטיק די שטיפערישע טריפּ'ניאַטשקע וועט נאָך אויפשפּיעלען.

זי אַליין האָט זעהר ליעב געהאַט די קינדער. זיי פלעגען איהר אָוועקגעבען זייער שפּיעלצייג אבי זי זאָל עפּעס ווייזען אַ נייע שטוקע, און זי פלעגט עס ניט צונעמען פון זיי, נור גוטמוטיג און שטיפעריש גלייך אָפּגעבען צוריק. איהר מוטער איז אפילו אַליין געווען ניט רייך, דערצו נאָך אַן אלמנה, מיט קלענערע קינדער, אָבער רחל'ע האָט ניט געהאַט קיין „גרויסע אויגען" און האָט פון די קינדער קיין זאַך ניט צוגענומען, פאַרקעהרט, זי פלעגט זיי אָוועקגעבען אַליז, וואָס זי האָט געהאַט.

איינעם אָבער פון די אינגלאַך, וואָס פלעגען זיך אַרום איהר אַרומבלאָנקען האָט זי אָבער פיינט געהאַט. דאָס איז גראַדע געווען אַ שעהנער אָפּגעמאָלטער אינגעל און אפשר איז ער ניט אַזוי פיעל שעהן געווען ווי די זאַכען וואָס ער האָט געטראָגען זיינען שטענדיג געווען ניי און שטענדיג אַנדערש, ווי אַלע קינדער האָבען געהאַט. דאָס איז געווען דעם גביר'ס פון שטעדטעל איינציגער בן־יחיד. „פּרויקע" האָט מען איהם גערופען. ער האָט זיך געהאַלטען גרויס קעגען אַלע קינדער און מיט אַנדערע פון זיי האָט ער אין גאַנצען ניט גערעדט. מיט רחל'ען אָבער האָט זיך איהם געוואָלט שטענדיג זיין און זי האָט איהם פון זיך געטריבען ווי אַ בייזע פליג. זי האָט איהם טאַקע פיינט געהאַט דערפאַר, וואָס ער פלעגט שטענדיג קומען צו די קינדער, ווייזען די נייע זאַכען, וואָס מ'אָט איהם געקויפט און האָט קיינעם אפילו ניט געוואָלט לאָזען צוריהרען זיך צו דעם. שטענדיג האָט ער מאַנדלען געקנאַקט, ראָזשינקעס געגעסען, געקייט שאָקאָלאַד־צוקערקעס, אָפטמאָל פון אַזעלכע שעהנע גאָלדענע פּאַפּירעלאַך אַרויס און האָט זיך קיינמאָל ניט געטיילט מיט אַ צווייטען קינד. כאָטש יענע זיינען געשטאַנען און געקוקט אויף א־הם און ס'איז זיי גערונען די סלינע פון די מיילער.

צו יעדען יום־טוב פלעגט ער אַרויס אין גאַס מיט אַ נייעם בגד, צוגעהן צו די קינדער, רייצען זיך מיט זיי: —

— דו זעהסט וואָס פאַר אַ גראַניטור דער שניידער האָט עס מיר געמאַכט! — דיר האָט מען געמאַכט אַ גוטע קרענק, דו אָפּגעריסענער פּוז! — האָט ער זיך גענומען רייצען מיט אַן אויסגעראַרטען אָרימען אינגעל ביי וועמען די הייזלאַך זיינען געווען אַזוי צעריסען, דאָס ערטערווייז האָט זיך אַרויסגעזעהן דאָס דאַרע לייב.

דעם אינגעל האָט פאַרקלעמט ביים האַרצען, ר'האָט אָנגעבלאָזען די ציטערדיגע האַלב־פאַרוויאַנטע ליפּעלעך און זיך ביטערליך צוכליפּעט. ער האָט איהם אַפילו ניט אָפּגעענטפערט מיט דעם געוועהנליכען „פּרויקע־פּלויקע", ווי די קינדער האָבען איהם גערופען, ווען ער פלעגט זיך נעמען מיט זיי רייצען.

רחל'ע האָט עס פון ווייטענס אַלעס צוגעזעהן. איהר שטיפערישער בליק איז אויף אַ ווייַלע אָפּגעטראָטען פון איהרע אויגען און ווי אַ וואָלקענדעל האָט זיך פאַרצויגען אויף איהר קלאָרען שטערען. זי האָט עפּעס ביי זיך, קענטיג, באַשלאָסען, און זיך גענומען גלייך אַדורכפיהרען. זי איז אויף אַ ווייַלע פאַרשוואונדען געוואָרען פון צווישען די שפּילענדיגע קינדער.

עס איז געווען ערב ראש־השנה. די זון האָט געוואַרעמט און ווינטלאַך האָבען קיהל געבלאָזען אין די פאַררוויטיגטע בעקלאַך פון די צעהנדליגע קינדער, וואָס האָבען אַרומגעשפּרונגען און געשפּיעלט זיך אין פאַרשיערענע שפּעילערייען.

פּרויקע'ן האָט ניט געפּאַסט צו שפּיעלען זיך גלייך מיט אַלע אַנדערע קינדער, ער איז זיך אַרומגעגאַנגען ווי אַ שררה צווישען די קינדער, און פאַראַדירט מיט זיין נייעם גראַניטור און אָפטמאָל זיך גענומען רייצען מיט זיינע פאַרביסענע שונאים, ניט זעלטען אויך פאַרפיהרענדיג מיט זיי אַ געשלעג.

עפּעס מיט אַמאָל איז רחל'ע אויסגעוואַקסען נעבען איהם.

זי האָט איהם מיט אַ געמאַכטען שמייכעל באַגעגענט: אַ, וואָס פאַר אַ שעהנעם גראַניטור'ל, דו האָסט עס פּרויקע, טס, טס. טס! אי, יאי, ס'אַראַ גוטען טאַטען דו האָסט עס!

פּרויקע'ס אויגען האָבען זיך נאָך מיט מעהר גדלות אָנגעצונדען, וואָס רחל'ען אַליין געפעהלט זיין נייער גראַניטור.

—אוראי, מיר מאַכט מען אויף אַלע יום־טוב אַ נייעם בגד! מיין טאַטע האָט מיך ליעב! — האָט ער זיך גענומען הויך ריהמען און געוואָלט, אַז וואָס מעהר קינדער זאָלען עס הערען.

עס האָבען זיך אַרומגערינגעלט אַרום איהם אַ גרויסער עולם קינדער, און רחל'ע האָט גענומען באַטאַפּען דעם גראַניטור פון אַלע זייטען. פּרויקע איז געשטאַנען ווי אַן אָנגעבלאָזענער אינדיק, ווען די ווייבער באַטאַפּען איהם אום צו זעהען צי איז ער טאַקע אַזאַ מציאה.

מיט אַמאָל האָט צווישען אַ טייל פון די קינדער אייכגעפּלאַצט אַ געלעכטער קוקענדיג אויף פּרויקע'ן פון הינטען. פּרויקע האָט זיך אויסגעדרעהט צו זעהן וואָס מ'לאַכט. ערשט עס האָט אַ צווייטער געלעכטער אַרויסגעשאָסען פון אַ צווייטער זייט. באַלד האָבען אַלע קינדער גענומען אַזוי לאַכען, דאָס זיי האָבען זיך אַזש געכאַפּט ביי די זייטלאַך. און פּרויקע שטעהט אַ צומישטער, ער פאַרשטעהט ניט פון וואָס אַלע לאַכען עס אַזוי. — פון איהם? פון זיין גראַניטור? רחל'ע אַ ל י י ן האָט דאָך ערשט יעצט איהם אַזוי געריהמט... אוואו איז זי עס? — ער האָט מיטאַמאָל דערזעהן דאָס רחל'ע איז שוין נעבען איהם נישטאָ, נור ער איז אַרומגערינגעלט פון טרייסלענדיגע מיט געלעכטער, ווי עפּעס אַ נישט־גוטער וואָלט אין זיי אַריין. ער נעמט זיך דרעהען פון אַלע זייטען, אָבער וואָס מעהר ער דרעהט זיך אַרום, אַלץ הילכיגער לאַכט מען פון איהם אין פּנים אַריין. אָט דרעהען זיך שוין אַנדערע קינדער, ווי קנוילען צוזאַמען פאַר שטיקענדען געלעכטער און ער ווייס נאָך אַלץ נישט, וואָס דאָ קומט פאָר, פון וואָס די דלפנ'ישע קינדער האָבען עס אַזוי פיעל צו לאַכען. עס הויבט שוין אָבער אָן קלאָר צו פאַרשטעהן, דאָס מען לאַכט פון א י ה ם — און אַ ביטערע שנאה האָט אָנגעהויבען צו שיסען פון זיינע אויגען אַרויס — אָט־אָט, וועט ער זיך, רוכט זיך, צעוויינען. ער פיהלט ווי טרעהרען שטיקען איהם אין האַלז און דאָ אַרום און וואַרפען זיך אַלע אין ספּאַזמען און כאַכאָטשען אַזוי, דאָס די לעבער, פיהלט ער, שפּאַלט זיך איהם.

לאַנג האָט ער זיך אַזוי ניט געקענט איינהאַלטען. ער האָט אָנגעהויבען צו לויפען מיט אַלע כחות אַהיים און נאָך א־הם איז נאָכגעלאָפען אַ דונער פון קינדערשען לאַכען.

אין גאַנצען שטעדטעל האָט מען אין אַ ווייַלע אַרום געוואוסט דאָס אַזימיצער האָט אָנגעהאַנגען אויף פּרויקע'ס נייעם גראַניטור פון הינטען אַ פאַרבלוטיגטען גאָרגעל פון אַ הוהן...

און אַלע האָבען אויך געוואוסט, דאָס עס איז געווען רחל'עס מלאכה.

---

2

עטליכע טעג נאָכדעם האָט זיך פּרויקע געשעהמט צו ווייזען אין גאַס. אפילו אין שול, איז ער שוין ראש־השנה, מיט זיין פאָטער ניט געגאַנגען. ווען ער האָט זיך צום ערשטען מאָל געוויזען צווישען די קינדער איז ער געוואָרען עפּעס אַזאַ גוטער מיט אַמאָל. די וואָס ער פלעגט שטענדיג שלאָגען און זידלען און ניט געוואָלט מיט זיי ריידען, האָט ער אָוועקגעגעבען זיינע גוטע זאַכען און ער איז געוואָרען מיט זיי גוטער ברודער. די ערשטע עטליכע טעג האָבען נאָך עטליכע גערופען איהם „צעבלוטיגטער גאָרגעל", אָבער רחל'ע האָט דערנאָך אַלעמען אָנגעזאָגט, אויב עמיצער וועט נאָך אַמאָל איהם אָנרופען מיט דיזען נאָמען וועט זי ווערען מיט איהם ברוגז. און דאָס האָט קיינער ניט געוואָלט.

ווי ס'זיינען נור אַריבער עטליכע טעג און די געשיכטע מיט'ן בלוטיגען גאָרגעל איז שוין כמעט פאַרגעסען געוואָרען איז פּרויקע צוריק געוואָרען, ביסלעכווייז, דערזעלבער, וואָס געווען. ער האָט ווידער אָנגעהויבען צו רופען די שוואַכערע קינדער צונעמען און איין מיידעלע האָט ער פאַר עפּעס אַ קליינינקייט דערלאַנגט אַזאַ זעץ אין האַרץ, דאָס זי איז אַנידערגעפאַלען כמעט אַ געחלש'טע. די קינדער וואָלטען זיך ווידער צו איהם גענומען מיט'ן

צונאָמען „צעבלוטיגטער גאָרגעל" נאָר אַלע האָבען געוואוסט רחל׳עם אָנזאָג און קיינער האָט ניט געוואָלט פאַרלירען איהר גוט־פריינדשאַפט. האָבען זיי איהם ווידער גענומען רופען „פרויקע־פלויקע" און די פריהערדיגע פיינדשאַפט צווישען זיי מיט׳ן נגיד׳ס בנ׳אָק האָט זיך נאָך מעהר פאַרביטערט.

מאַכט זיך חול־המועד סוכות אַזאַ מעשה: ניט ווייט פון שול־הויף איז געווען אַ גרויסער ליידיגער פּלאַץ, וואו די קינדער פון די אָרומיגע געסלאַך זיינען זיך צוזאַמענגעקומען אַ גאַנצען יום־טוב צו שפּיעלען אין נים. פרויקע פלעגט קומען אַלע מאָל ציגעהן מיט צוויי פולע טאַשען טערקישע נים און מיט די הענט פאַטשען איבער זיי, אַז אַלע זאָלען זעהען און הערען, דאָס איהם פעהלט ניט דער מין. אַ אינגעל איז צו איהם צוגעגאַנגען און געבעטען זיך: — פרויקע, אַנטליי מיר אַ צעהנדליג נים, איך האָב פאַרשפּיעלט ביז איינעם און איך וויל אָפּגעווינען.

פרויקע האָט איהם שטייף אָנגעקוקט, קענטיג זיך געשלאָגען מיט דער דעה, צי זאָל ער איהם געבען צי ניט. דאַן האָט ער פעסט באַשלאָסען:

— אַוועק קאַפּוז! — איך האָב שוין מיינסטו, מיט קיינעם ניט קיין געשעפטען צו פיהרען אויסער מיט דיר?

דער אינגעל איז אַ פאַרשעהמטער און צוגעדריקטער אַוועקגעגאַנגען פון איהם. רחל׳עם שאַרפע אויג האָט דאָס פון דערווייטענס געזעהן. זי איז צוגעגאַנגען צום אינגעל און געגעבען איהם צעהן נים און אויף פרויקע׳ן האָט זי געוואָרפען עפּעס אַזאַ פינסטערע אויג, אַז דער אינגעל איז אַ פאַרציטערטער געוואָרען.

פאַרנאַכט האָבען די קינדער אָנגעהויבען אַרויסצוברענגען זייערע שמחת־תורה פעהנער וואָס אַ איד פון אַ דערבייאיג שטעדטעל האָט געבראַכט און פון הויז צו הויז פאַרקויפט. די קינדער האָמבען אַלע אַרומגעשפּרונגען און אַרומגעטאַנצט מיט די פעהנער פון אַלערליי קאָלירען און בילדער.

אויף איין גרינער פאָהן איז געווען אויסגעמאָהלען אַ תורה מיט אַזעלכע שעהנע גאַליקעם. אַ צווייטע האָט אויפ׳ן פאָהן געהאַט אויסגעמאָלט אַ לייב מיט אַן אַרויסגעשטרעקטען פייערדיגען צונג און ווי אַ שטייפער דראָט אויסגעבויגענער ווידעל. עטליכע האָבען געהאַט בלויע פעהנער מיט׳ן „דגל מחנה יהודה" שעהן אַרויפגעדרוקט מיט גרויסע אותיות. אַנדערע האָבען געהאַט אויפ׳ן שפּיץ פאָהן־שטעקעלע קליינע עפּעלאַך אַריינגעשטאָכען און אַנדערע האָבען נור געהאַט אויסגעהוילטע קאַרטאָפעל. (פּאָטייטאָס).

מיט אַמאָל איז אָנגעקומען פרויקע מיט ז י י ן פאָהן. און אַלע קינדער האָבען מיט אַמאָל דערזעהן, דאָס זייערע פעהנער זיינען גאָר ניט ווערט אין פאַרגלייך מיט דיזער שעהנער פאָהן. — זעה נור, וואָס פאַר אַ שעהן אָפּגעהובלעוועט גלאַנציג שטעקעלע, וואָס זעהט אויס ווי זילבער. זעה אין דער הויך, דעם גרויסען גאָלדענעם עפּעל (אַן אָראַנדזש) און אינוועניג שטעקט אַזאַ שעהן באַגילדעט געדרעהט ליכטעלע, אָי, וואָס פאַר אַ שעהן ליכטעלע, ריכטיג ווי ס׳איז געווען מיט עטליכע וואָכען צוריק אויף דעם רב׳ס טאָכטער׳ס חופּה. און די פאָהן אַליין: דאָרט זיינען שוין איינמאָל געווען לייבען! אַזוי ווי זיי וואָלטען זיך דאָס געקליבען אַראָפּשפּרינגען פון פאָהן אַראָפּ און אַלעמען פאַרצוקען! איבער זייער קאָפּ ווידער אַ גרויסע שעהנע קרוין פון גאָלד, און אפשר פון בריליאַנטען! אויף דער צווייטער זייט ווידער, די לוחות מיט די צעהן געבאָטען ווי אויסגעהאַקט פון שטיין און איבער זיי אַ שעהנער פּרוכת כוואַליעט זיך, דאָ פאַרדעקענדיג די לוחות, דאָ אויפדעקענדיג זיי...

אַלע קינדער האָבען מיט פאַרצווייפלונג אַראָפּגעלאָזען זייערע פאָהנען און מיט פאַרדריסליכע קנאה געקוקט אויף דאָס נגיד׳ייִשע רייכע פאָהן פון פאַרהאַסטען פרויקע.

דערביי איז אָבער אויך געווען רחל׳ע. זי האָט פריהער מיט איהר שטענדיגער שטיפערישער פרייד געזעהן, ווי אַלע קינדערישע הערצער צאַפּלען זיך פאַר פרייד און יעדערער שטאָלציר מיט ז י י ן פאָהן, וואָס איז נור געווען אין אַ קליינינגקייט אנדעריש ווי רעם צווייטענס פאָהן. איהר אייגענער פאָהן איז אַפּילו געווען מיט אַן עפּעלע אין דער הויך, אָבער עס איז געווען פון דעם זעלבען סאָרט ווי אַלע אַנדערע. אָבער זייט פרויקע איז אָנגעקומען מיט ז י י ן פאָהן איז אַלעמענס שמחה פאַרשטערט געוואָרען. די ליכטעלעך אין די אָרימע קינדערשע אויגען זיינען אויסגעלאָשען געוואָרען און זייערע שטאָלצע פעהנער האָבען זיך אַרונטערגעלאָזט... רחל׳ע האָט דאָס שוין ניט געקענט אַריבערטראָגען. שוין צופיעל האָט זיך אָנגעקליבען אויפ׳ן האַרצען. זי האָט נאָך ניט פאַרגעסען, ווי פרויקע האָט זיך ענטזאַגט מיט עטליכע שעה פריהער צו געבען אַן אָרימען אינגעל צעהן ניסלאַך... אי, וואָס פאַר אַ חם דאָס איז? און אַזוינער זאָל דאָס פאַרשטערען אַלעמענס פרייד! אַזוינער זאָל דאָס האָבען די שעהנסטע פאָהן...

רחל׳ען האָט עפּעס צוגעדריקט אין האַרצען. זי האָט געפיהלט, דאָס זי מוז עפּעס טון און צוריק מאַכען אַלעמענס הערצלאַך שפּרינגען פאַר פרייד און יום־טוב׳דיגקייט... און ווי וואָלט זיך עס איהר אויך געוואָלט אין דער זעלבער צייט מאַכען דעם איינציגען צופּרירענעם שטאָלצען פּנים אַביסעל זויער און אויסגעצויגען...

שאַ, זי האָט אַ פּלאַן... יעס, מ׳מוז עס שוין טון... און טאַקע איינס, צוויי —

הערט קינדער!... — אַז רחל׳ע הויבט אָן ריידען ווערען אַלע גלייך שטיל און מ׳קלויבט זיך אַרום איהר אַזוי ווי אַרום אַ מאַמען...

און רחל׳ע מאַכט אַ פּלאַן, דאָס מען זאָל טאַקע גלייך יעצט שוין נעמען מאַכען אַ מין הקפות און זעהן, ווי עס וועט אויסזעהן שמחת־תורה אויפ׳ן שול־הויף צו די הקפות...

— שטעלט זיך אויס, קינדער, — און זי האָט גענומען אַלעמען אויסשטעלען מיט די פעהנער. זי וועט זיין די צווייטע פון פרויקע׳ן... ע ר ער האָט דאָך אַזאַ שעהנע פאָהן!... אָט אַזוי איז גוט!... יעצט ווער האָט שוועבעלאַך... גוט אַזוי... אוי, ווי ליכטיג!...

אָט האָט זי אויך אָנגעצונדען איהר ליכטעל פון פאָהן. נעבען איהר האָט אויך פרויקע, שטאָלץ, ווי אַ קיסר, קוקענדיג דאָ אויף זיין ש ע ה נ ס ט ע פאָהן, דאָ אויף רחל׳ען, וואָס געהט אָט הינטער איהם, אויך אָנגעצונדען זיין באַגילדעטע ליכטעל — אָ, אין דער היים האָט ער גענוג אַזעלכע שעהנע ליכטלאַך...

די מחנה קינדער האָט זיך צוצויגען, די ליכטלאַך האָבען, ווי קליינע שטערענדלאַך, געשוואומען איבער די קעפּ פון דעם קליינוואַרג...

מיט אַמאָל...

אַ שרעקליך געשריי: —אָי, מיין פאָהן ברענט! אָי!!! ברעענט!!

דאָס האָט פרויקע מיט ניט קיין מענשליכען קול געשריען. די הקפות האָט זיך אָפּגעשטעלט... אַלע האָבען זיך אומגעקוקט: אין פרויקע׳ס ציטערדיגע האַנד איז געבליבען אַ אָנגעברענטער, פאַררויכערטער שטעקעל...

און רחל׳ע די שטיפערין איז ווי אַ געטין פון נקמה געשטאַנען מיט איהר פעהנרעל מיט׳ן גלאַנציגען עפּעלע אויפגעהויבען גאַנץ הויך און גערופען: — וואָס האָט איהר זיך אָפּגעשטעלט, קינדער, א י י ן פאָהן איז דאָך נור פאַרברענט געוואָרען און מיר האָבען דאָך נאָך אַזוי פיעל צעהנדליגע, עס שאַרט ניט, פרויקע׳ס טאַטע וועט איהם קויפען איבער־אַ־יאָהר אַן אַנדערען פאָהן... קומט ווייטער קינדער!

און די קינדער האָבען זיך ערשט מיט מעהר שמחה פאַנאַנדערגעשפּרונגען זיך מיט זייערע ש ע ה נ ע פעהנער, מיט די לייבען, מיט די תורה׳ס, מיט די דגל מחנה יהודה׳ס, גרינע, רויטע, בלויע און ראָזאָווע פעהנער.

נור איין פרויקע איז אַהיים געלאָפען אַ פאַרביטערטער און אַ צעקלעמטער אָנזאָגען די טרויעריגע בשורה, דאָס זיין פאָהן איז פאַרברענט געוואָרען.

ווי אַזוי איז זי פאַרברענט געוואָרען?

ניט פיעל האָבען געוואוסט, אַז דאָס איז געווען די פלינקע, געשיקטע אַרבייט פון רחל׳ע די שטיפערין. זי האָט דאָס אונטערגעצונדען אונבאַמערקט מיט איהר ליכטעל...

---

מיר וועלען אויך דערמאַהנען אַזוי פיעל מאָל וועגען מיליאָן דאָלאַר פאָנד, ביז איהר וועט בשום אופן ניט קענען אָן דעם פאַרגעסען.— ניט גלייך, וויל עס רוקט זיך אָן דער יום־הדין.




## צייהן היגיענא.

אויב איהר קויפט א נייע צאָהן־בערשטעל נוצט עס ניט, איידער איהר וועט עס האָבען נעווייקט אין קאַלטע וואַסער אַרום 12 שעה. האַלט אזוי ריין די צאָהן־בערשטעל ווי די צייהן אַליין. וואַשט עס אָפּט מיט זאָדא אדער זייף. ווי איהר מערקט נור, דאס עס הויבען זיך אָן צו בילדען אַרום די האָר נעלע פלעקען, וועלכע קענען ניט אַזוי לייכט אָפּגעוואַשען ווערען. — וואַרפט אַוועק די צאָהן־בערשטעל און קויפט אַן אַנדערע. אויב אָבער איהר קענט זיך ניט ערלויבען אַזאַ לוקסוס, פּרובט עס צו וואַשען מיט הייסע וואַסער אין וועלכע איהר האָט אריינגעטאָן א ביסעל טאַרטאַריק עסיד (איהר קרינט עס אין דראָג סטאָר).

מיט דעם זעלבינען מיטעל קענט איהר רייניגען די ספּאָנדזשעם, וואס האָבען שוין אָנגעהויבען צו שימלען. טוט אַריין אין א האַלבע גלאָז הייסע וואַסער איין טיי־לעפּעלע פון דעם טאַרטאַריק עסיד.

* * *

מיט טאַרטאַריק עסיד קענט איהר אויך אַרויסנעהמען פלעקען פון פרוכטען אויף קליידער. נוצט אוים אויף דעם אופן ווי עס איז פריהער אָנגעוויזען.

* * *

אַן אָרינינעלער נאַרהאַפטער קוכען ברויט ווערט נעמאַכט אין דער סויט, וואס איז כדאי אמאָל אויסצופּראָבירען אין דער היים. נעמט צוויי גלעזער וואַסער, איין גלאָז מילך, איין גלאָז קאָרןמעהל, און א לעפּעלע פּוטער, 2 לעפּעלעך זאַלץ און 2 אייער. מישט אוים די וואַסער מיט די קאָרן־מעהל און לאָזט עס קאָכען פינף מינוטען צייט. שלאָגט גוט פאַנאַנדער די אייער און מישט צוזאַמען מיט די אַלע איבעריגע זאַכען, וואָס זיינען פריהער דערמאָנט געוואָרען. יעצט ישלאָגט עס אויף און מישט לאַנג ריזע נאַרהאַפטע ליים און לעגט עס אַריין אין אַ מיט פעטס אויסנעשמירטע בראָט פאַן און באַקט עס אין א הייסען אויווען אַרום 25 מינוט. הייסט זיך זעצען אַלע אייערע בני־בית אַרום טיש און נרייט אָן פאר אַלעמען לעפעל, דען ריעזער מאכל איז צו־פעט און לויז, דאָס מ'זאָל עס קענען עסען מיט די הענד. די אויבענדערמאָנטע פּראָפּאָרציע וועט גענוג זיין פאַר א פאַמיליע פון זעקס.

* * *

## היימיש געמאַכטע הייוועז.

אויב איהר באַקט נור אַליין ריי־ברויט פאָר זיך קענט איהר פאַרשפּאָרען הייוועז, נאָכדעם, ווי איהר וועט נאָר פון די ערשטע טייג, געמאכט מיט רעגעלע הייוועז, אראָבנעהמען א שטיק טייג, די גרויס פון א גלאָז, דאָס וועט שוין דיענען אַלס הייוועז פאַר דעם נעקסטען מאָל. האַלט עס אין א קיהלען פלאַץ.

איהר דאַרפט אָבער מיט א טאָג פריהער, איידער איהר געהט מאַכען די נייע טייג, אַריינלעגען די פריהערדיגע אראָפּגע'קמצנ'טע טייג אין פינף גלעזער עטוואָס וואַרימערע וואַסער און האַלטען עס אַזוי איבער נאַכט. עס וועט צוגעהן.

דאַן לעגט צו אביסעל ווייסע מעהל ווען איהר געהט מאַכען אייער טייג אַזוי פיעל אַז עס זאָל זיין גענוג צו מאכען א „ספּאָנדזש". ווען די טייג וועט אָנהויבען צו בלעזלען און הויבען זיך לענט אַריין א טיי־לעפּעלע זאַלץ, צוויי גרויסע לעפּעל צוקערסיראָפּ און רעגעלע ריי־ברויט מעהל אַזוי פיעל ווי פיעל עס איז נויטיג צו מאַכען א שטייפען טייג.

יעצט לאָזט עס איבער נאַכט עס זאָל זיך אָנהויבען צו בונטעווען און אויפהויבען זיך. אין דער פריה קנעט אוים די לעבלעך אויף די ברויט־ברעטער, וואָס איהר האָט און לעגט עס אַריין אין די ברויט פאָרמען און לאָזט עס ווייטער אַזוי לאַנג הויבען זיך ביז עס ווערט גרינג. באַקט עס דאַן אין א זעהר א הייסען אויווען אַרום 40 מינוט. איהר קענט אַזוי פון יעדען טייג, וואס איהר מאַכט איבערלאָזען אַ שטיק, וועט אייך דיענען פאַר דעם נעקסטען מאָל אַלס נוטער, פרישער, און עקאָנאָמישער הייוועז.

* * *

## היט זיך פאַר פליגען!

אין סעפּטעמבער מאָנאַט בייסען די פליגען און פאַרשיעדענע אַנדערע אינזעקטען שטעכיגער און ניפּטיגער, ווי אין אַנדערע צייטען פון יאָהר. זיי פיהלען דאָס באַלד וועט דער וואַרימער וועטער אַוועקגעהן און זיי גוּעלען בלייבען זעהן זייער ממשלה פון אויסזויגען די בלוט ביי אַלעמען ווער עס לאָזט זיך נור. הויפּטזעכליך פאַלען זיי אָן אויף קינדער, ווען זיי שלאָפען, אָדער ווען זיי זיינען אין פּארק נעבען געוויקסען און בוימער.

אַזוי ווי מען מערקט נור דעם ביס, אָדער מ'הויפּט אָן דערפיהלען ווי עס שטעכט און ס'עסט אַזוי פיינליך, נעמט גלייך ריינע אָפּגעשטאַנענע וואַסער, לאָזט אַריין עטליכע טראָפּענס אַמאָניע, אָדער צופיהרט א גלאָז וואַסער מיט באָראַק־זיירע (בוראַק־עסיד), אָדער מיט קאַרבאָנייט סאָדע. איין לעפּעל איז גענוג פאַר א גלאָז. וואַשט פאָרזיכטיג און נרינג מיט ריינעם איינגעטונקטען קאַטען דעם פלאַץ פון שטאָך און אַרום. קראַצט ניט און לאָזט עס דערנאָך צו רוה. אויב עס איז א קינד, בינדט עס אָרום מיט אַ ריינע זאַך, כדי דאָס קינד זאָל עס ניט צעקראַצען און אָנמאַכען זיך א וואונד אָדער אַ פאַרשוועלונג.

* * *

## א גוטער און געזונטער טרונק.

אין די וואַרימע טעג קענט איהר זיך צוגרייטען א גוטען, געשמאַקען טרונק פון מאַלינעס עסיג און אָט ווי איהר דאַרפט עס פאָרברייטען: לעגט אַריין צוויי קוואָרט מאַלינעס אין אַ שטיינערנעם קרוג און גיסט אַרויף אויף זיי איין קוואָרט סיידער־עסיג. זאָל דאָס אַזוי שטעהן צוויי טעג און דאן זייעט עס איבער. שיט אריין נאָך צוויי קוואָרט פרישע מאַלינעס אין דער כלי. יעצט גיסט ארויף די אויסגעזייערטע עסיג איבער דעם. צורייבט די מאַלינעס זעהר גוט און לאָזט עס שטעהן נאָך אַ 24 שעה. זייעט עס נאָך אמאָל איבער און מעסט אָפּ וויפיעל איהר האָט.

צו יעדע קוואָרט וואָס איהר האָט גיסט אַריין ½ קוואָרט פרישע וואַסער אָן דריי פונט צוקער. יעצט קאָכט עס אַרום צעהן מינוטען און שוימט גוט אָפּ די אָנגעקליבענע געמייזעכץ אין דער הויך. דאַן לאָזט עס א ווײלע אָפּקיהלען און אַזוי ווי עס האָט נאָך היין גיסט עס אַריין אין פלעשער און פאַרקאָרקעוועט עס גוט. אין עטליכע טעג אַרום וועט איהר האָבען א גוטען מאַלינעס עסיג זאַפט, מיט וועלכע איהר וועט קענען בע'טעמ'ען

אייערע וואַסער טרונקען. עטליכע לעפעלעך און איהר וועט האָ־
בען אַ גוטע און געשמאַקע מישקה.

אויף דעם זעלבען אופן קענט איהר אויך מאַכען יאַגעדעס־
זאַפט אָדער סטראָבעריס זאַפט.

* * *

## איין איינפאַכער געטראַנק.

קאַלטע טיי שטילט בעסער דעם דורשט, ווי געוועהנליכע
קאַלטע וואַסער. גיסט אריין אין אַ קרוג און קוועטשט אַהין
אריין דעם זאַפט פון איין לעמאָן. שניידט אָן עטליכע שטיקלעך
לעמאָן באַזונדער, עס זאָל ארומשווימען אין דער הויך. לעגט
אויך אריין אַ גוט ארומגעוואַשטען צווייגעל פון אַ מינט און לאָזט
עס איבער אין אַ קאַלטען פּלאַץ. אַזאַ טרונק קען קיינמאָל ניט
פאַרשאַדען.

אָדער מאַכט אַזאַ געטראַנק. צעקוועטשט צוויי לעמאָנס
אין גיסט ארויף אויף דעם זאַפט אַ קוואָרט קאָכיגע וואַסער. ווען
עס איז שוין קאַלט זייעט עס גוט אדורך און גיט נאָך צו אביסעל
זאַפט פון אַ פּיין־עפּעל־קען. לעגט אריין אויך עטליכע שטיקלעך
פּיין־עפּעל זיי זאָלען ארומשוואומען אונטען. דיזער געטראַנק
האָט זעהר אַ באַרוהיגענדע און קיהלענדע ווירקונג.

* * *

## ווי אַזוי צו מאַכען וואַנילא־קריעם.

נעמט פיער גלעזער קאָכעדיגע מילך, דריי גלעזלעך פון
פרישע אייער, פיער גרויסע לעפעל צוקער, פיער גרויסע לעפעל
מיט דין צעריבענע מאַנדלען, איין קליין לעפעלע וואַנילא, און
פיער קליינע לעפעלעך קאָרן־סטאַרטש.

מישט גוט אדורך די צוקער מיט די קאָרן־סטאַרטש און
גיסט עס אריין אין די קאָכיגע מילך. לאָזט זיך דאָס פּאַמעלעך
איינקאָכען. דאַן שלאָגט גוט אויף די אייער געלעכלעך און גיסט
ארויף די הייסע מילך אויף זיי האַלטענדיג כסדר אין איין מישען.
יעצט מישט אריין די מאַנדלען און די וואַנילא. טוט זיי אריינגי־
סען אין איינציגע באַזונדערע דישעס און לאָזט עס גוט אָפּקיהלען.
איהר וועט דאַן האָבען אַ נאַרהאַפטען און אמת געשמאַקען וואַ־
נילא־קריעם.

* * *

ס'איז זעהר נויטיג, ווי ס'ווייזט אָן די שפּייז אדמיניסטראַ־
ציאָן צו זיין היינטיגע צייטען מעהר שפּאָרעוודיג, ווי ווען עס
איז. כאָטש אין מעהרסטענטייל האָט מען די ארבייטער פרויען
קיינמאָל ניט געדאַרפט לערנען קיין עקאָנאָמיע. די ניעדעריגע
ווירדזשעס און דער הויכער יקרות איז שטענדיג, ווי אַ בייטש גע־
האַנגען איבער דער הויז־פרוי און איהר געצוואונגען צו עקאָנאָ־
מיזירען.

עס ווערט אָנגעוויזען פון דער שפּייז אדמיניסטראַציע,
דאָס די סומע וואָס עס באַטרעפט פון די אין ניוועץ־געהענדע
שפּייז זאַכען באַטרעפט צעהנדליגע מיליאָנען יעהרליך. פון די
איבערגעבליבענע שטיקלעך ברויט, וואָס ווערען געוועהנליך
ארויסגעוואָרפען און אויף וועלכע עס פאַשען זיך מייז און בייזע
שטעכעדיגע פליגען האָבען געקענט געשפּייזט ווערען מיליאָנען
מענשען אין די הונגעריגע לענדער. זאַמעלט די איבערגעבליבענע
שטיקלעך פון ברויט און חלה און מאַכט דערפון יעדע וואָך אַ
ברויט פּודינג. האַקט עס אריין אין געהאַקטע פליייש, פיש,
הערינג. קאָכט עס מיט מילך אדער געברויכט עס אין די פאַר־
שיעדענע זופּען, ווי ארבעס, האָבער־גריץ, ווערדזשעטייבלס א.ז.וו.

אנשטאָט פליייש קענט איהר פון צייט צו צייט נוצען קעז,
ווערדזשעטייבעל־סאַלאַטס, זופּען פון בעבלעך, לינזען, ארבעס.
מיידט אויס פּעטס אין די וואַרימערע מאָנאַטען, זיי זיינען אין די־
זער צייט פון יאָהר ניט אַזוי פיעל נויטיג ווי שפּעטער אין די
ווינטערמאָנאַטען.

* * *

## ווי צו וואַשען קרעטאָנענע גאַרדינען.

דאָס בעסטע צו וואַשען קרעטאָנענע גאַרדינען איז אַלוס.

איין אונץ איז גענוג פאַר אַ גאַנצען גאַלאָן וואַסער צו
מאַכען עס פאַר אַ גוטען וואַש־מיטעל. איהר טאָרט אָבער
אין דעם לאַנג די גאַרדינען נישט האַלטען. עס מוז געוואַשען
ווערען גאַנץ שנעל דערצו זעהט, דאָס די וואַסער זאָל נישט
זיין צו הייס, נאָר וואַרעם. מ'מוז עס גלייך גוט אויסדרעהען
אַזוי, דאָס קיין טראָפּען וואַסער זאָל נישט פאַרבלייבען און
די גאַרדינען וועלען איינפאַך בלענדען פון קלאָרקייט. אויב
איהר וועט זיך פאַררעדען מיט עמיצען וואַשענדיג און וועט
עס האַלטען צו לאַנג אין די אַלומירטע וואַסער, קען נאָך צו־
זאַמען מיט'ן שמוץ און שטויב אויך אראָפּקריכען דער קאָ־
ליער און די גאַרדיענען וועלען אויסקוקען ווי אָפּגעשאַסענע.
מאַכט עס שנעל.

* * *

## אנשטאָט פליייש.

אנשטאָט פליייש, וואָס עס איז גלייכער אויסצומיידען
אין וואַרעמען וועטער, קענען געברויכט ווערען גענוג נאַהר־
האַפטע מאכלים, וואָס זיינען אי געשמאַק, אי געזונד, אי נישט
שווער צו פאַרדייען.

די זאָגענאַנטע „קאַטעדזש־טשיעז", געוועהנליכע קעז,
איז איינער פון די נאַהרהאַפטסטע פּראָדוקטען, וואָס פאַרמאָגט
גענוג פּראָטעין, מעהרער ווי אַנדערע פליישען. מ'קען עס
אפילו געבען צו דערוואַקסענע קינדער, אָדער צו עלטערע מענ־
שען.

נעבאַקטע בעבלאַך, דורכגעמישט מיט פּוטער אָדער
שמאַלץ, איז אויך אַ מאכל וואָס קען פאַרנעמען דעם אָרט
פון פליייש און קאָסט נישט אַזוי טייער. זויער מילך און זויער
קרים, אין אַ קיהלער פאָרמע, זיינען איינפאַך ערפרישענד און
דערקוויקענד אין די הייסטע טעג. אייער קענען אימער פאַר־
נעמען דעם אָרט פון פליייש, אָבער עס ווערט שוין אין ענגע
פון זומער צו טייער, דערצו נאָך איז איינפאַך שווערליך צו
קריגען פרישע.

פון ארבעס קענען פאַרבעדייטעט ווערען די פאַרשיע־
דענסטע געריכטען. פאָלגענדע קאָמבינאַציאָנען אַפּעלירען צום
געשמאַק פון כמעט אַלע געוועהנליכע פליייש־עסערס:

ארבעס מיט רייז, ארבעס מיט צוריבענע גרויפּען, אר־
בעס מיט פּאָטייטאָס, צוריבען אָדער צושניטען אויף גאַנץ
דראָבנע שטיקלאַך. ארבעס מיט דינע פאַרפעל, ארבעס מיט
צוריבענע שטיקלאַך ברויט, עס מוז אָבער זיין צוגעמישט גע־
נוג זאַלץ, עטוואָס פעפער און אַ היבשע ביסעל פּוטער אָדער
שמאַלץ.

נאַטירליך, דאַרף מען יעצט אויך מאַכען פיעל געברויך
פון די פרישע פרוכטען. הויפּטזעכליך עפּעל. פאַר קינדער
קאָכט גוט איין די געוועהנליכע לייכטע פרוכטען און גיט זיי
צו ביסלעכווייז.

* * *

## היט זיך פון עקסידענטס!

נאַטירליך, מ'קאָן נישט זיין קיין חכם און זיך אַבסאָלוט פאַר־
היטען, אָבער אויסמיידענדיג די געפעהרליכסטע פּלעצער קאָנען מיר
אויף זעהר פיעל פאַרקלענערען די צאָהל פון עקסידענטס אין אונ־
זערע רייהען. אַן אינטערעסאַנטע טאַבעלע וועגען עקסידענטס אין
1917 האָבען נישט לאַנג צוריק פאַרעפענטליכט די אינשורענס גע־
זעלשאַפטען. דיזע טאַבעלע ווייזט דעם פּראָצענט פון עקסידענטס
איינגעטיילט לויט דעם וואו זיי האָבען זיך געטראָפען:

| | |
|---|---|
| אין דער היים | 27.8 |
| דורך אויטאָמאָבילען | 21.7 |
| צופוס־געהער | 19.7 |
| ספּאָרט און פאַרוויילונגען | 16.1 |
| פאַהרענדיג | 7.8 |
| דורך פערד און פוהרען | 3.3 |
| דורך בייסיקלס, א. א. וו. | 2.2 |
| פאַרשיעדענע | 1.9 |
| צוזאַמען | 100 % |

אַלזאָ, ווי מיר זעהען, טרעפען זיך די גרעסטע צאָהל עקסידענטס
גאָר אין דער היים, ווען עס דוכט זיך, אַז אַלעס איז זיכער, שטיל
און רוהיג.

אויב אייער ווייבעל מאַכט אייך אַמאָל פאַרוואורפס, פאַר וואָס
איהר זיצט בעסער נישט אין שטוב און איהר געהט צום ברענטש־
מיטינג — ווייזט איהר די טאַבעלע. גאַנץ מעגליך, דאָס דורכ־
קוקענדיג וועט זי אייך זאָגען: זעה סוויטהאַרד, איך וועל אויך
מיט דיר מיטגעהן...



# דער „וואָרקמענס קאָמפּענסיישאָן" געזעץ

פון ה. שער



דער געזעץ פון באצאָהלען א פּאַרוואונדעטען ארבייטער שאַדענערזאַץ איז נאָך פאַרהעלטניסמעסיג א נייער. א מאָדערנע רעפאָרמע. די יאהרען וויפיעל דיזער געזעץ איז אַלט דאָ אין לאנד, קענען געצעהלט ווערען אויף די פינגער פון די הענד, אין מאַנכע סטייטס — אויף די פינגער פון איין האַנד. צווישען די לעצטע געפינט זיך ניו יאָרק סטייט, דער גרעסטער און וויכטיגסטער סטייט אין דער יוניאָן.

די „קאָמפּענסיישאָן לאָא" איז איינגעפירט מייסטענס אין די אינדוסטריעלע סטייטס, דאָרט וואו עס זיינען דאָ מאַסען ארבייטער און, וואָס איז דאָס וויכטיגסטע, וואו זיי זיינען גוט אָרגאַניזירט. אין די איבעריגע סטייטס איז דיזער געזעץ נאָך איצט אַן אונבאַקאַנטער געדאַנק. אין די ניט איבריגס צאָהלרייכע פּאָרטגעשריטענע קרייזען, דאָרטען, איז ער זיכער ניט פרעמד, פונקט ווי אַלע אַנדערע רעפאָרמעס. ביי זיי איז עס אָבער אַלענפאַלס א גוטער וואונש פאַרלויפיג.

ס'איז איבעריג צו ערקלערען, דאָס דיזער ארבייטער געזעץ, ווי דער נאָמען רייטעט עס אָן, איז פון א פּראָגרעסיווען כאַראַקטער. ער ווערט אַזוי פון אַלעמען אַנערקענט אין אַלגעמיין, אויסער פון מאַנכע דאָקטוירים און לאָיערס, וועלכע האָבען געהאַט א ספּעציעלע פּראַקטיק אין עקסידענט קייסעס פון ארבייטער. פאַר דיזע פּראָפעשאָנעלס איז דער קאָמפּענסיישאָן געזעץ געווען א שטאַרקער קלאַפּ, ווי מיר וועלען עס שפּעטער ערקלערען. עס איז דעריבער ניט מעהר ווי נאַטירליך, דאָס אַזעלכע מענשען, כאָטש אַזוי־זיך גאַנץ פּאָרטגעשריטענע, מאַכען רעם געזעץ פאַר קליינגעלט. זייענדיג אָנגעשטויסען אויפ'ן געזעץ האַלטען זיי ניט שטאַרק פון איהם און עס איז טאַקע א ביטערער רחמנות אויף זיי, וואָס זיי מוזען זיך רעכענען מיט אַזא געזעץ. אַלענפאַלס קענען זיי נאָך עד היום מיט'ן געזעץ קיין שלום ניט מאַכען, כאָטש איבער דער גאַנצער וועלט ווערט די אידעע פון ארבייטער פאַרזיכערונג אַנערקענט.

עס איז כדאי צו באַמערקען, דאָס די פאַרשיעדענע קלאַסען פון לאַנד האָבען אָנגעווענדעט אַלערליי מיטלען פּטור צו ווערען פון דיזען געזעץ פונקט ווי זיי טוען מיט אַלע פּראָגרעסיווע געדאַנקען. זיי האָבען עס ביטער באַקעמפּפט. זעלבסט־פאַרשטענדליך, דאָס די זיילען פון קאָנסערוואַטיזם, די קאָורטס, זיינען זיי געקומען שטאַרק צו הילף. די שטרענגע היטער פון די אַלטע, אָבגעלעבטע טעאָריעס ווענען עס קומט אָן מיט קריעת ים סוף צו צוגעוואָהנען זיך צו אַ נייעס געדאַנק, האָבען אויך אין דיזען פאַל געוויזען זייער קאָליר. צו יעדער קלייניגקייט האָט מען זיך צוגעטשעפּעט אום צו פאַרוואַרפען דעם קאָמפּענסיישאָן געזעץ. מען האָט פריטשעפּקעס פון אונטער דר'ערד אויסגעזוכט פאַר דיזען היילינען צוועק. ע־עס א שפּיעלכעל איז עס? אַן ארבייטער געזעץ, א רעפאָרמע — שמעקט עס, פאַרשטעהט איהר מיך, מיט סאָציאַליזם, רעוואָלוציאָן און נאָך אַזעלכע געפערליכע אידעען, רחמנא לצלן. און אז עס קומט אויסצוראַטען א געפאַר איז דאָך ניט שייך. ס'איז דאָך פּשוט די פפליכט פון די קאָורט צו טאָן עס

אזוי, צום ביישפּיעל, האָבען די קאָורטס פון ניו יאָרק סטייט ערקלערט דעם ערשטען קאָמפּענסיישאָן געזעץ דאָ פאַר אונקאָנסטיטוציאָנעל און עס האָט זיך געפאָדערט א ספּעציעלער אַמענדמענט צו אונזער סטייט קאָנסטיטוציאָן, וואָס איז ביי א רעפערענדום אָנגענומען געוואָרען מיט אַן אונגעהייער גרויסע מאַיאָריטעט, צו מאַכען דיזען געזעץ גילטיג אין 1913. עהנליכעס איז פאָרגעקומען אין אַנדערע סטייטס. אומעטום האָט מען געזוכט צו פאַרוואַרפען דעם געזעץ. און עס איז נור א ראַנק דעם וואַקסענדען איינפלוס פון דער אָרגאַניזירטער ארבייטערשאַפט, וואָס דער געזעץ איז היינט צו טאָג אין קראַפט. דער דרוק פון רער ארבייטער באַוועגונג, וועלכער ווערט אַלץ קרעפטיגער און לאָזט זיך מעהר פיהלען, האָט פּשוט געצוואונגען אַלע אונזערע פאַרזאָרגער צו זעהן, דאָס דער ארבייטער געזעץ זאָל ווערען א פאַקט.

נאָך היינט צו טאָג, ווען א געוויסע קאָמפּענסיישאָן קייס קומט אין קאָורט דורך אַן אַפּיעל געגען דער קאָמישאָן, וואָס האָט צו זאָגען איבער אַלע ארבייטער עקסידענטס, געהט דער קאָמפּענסיישאָן געזעץ אַרויס פון דאָרטען א הינקעדיגער. כמעט יעדען מאָל, ווען די קאָורט האָט נור א געלעגענהייט אַרויפצולעגען אויף איהם די האַנד פון גערעכטיגקייט, ווערט ער ניט געשאַנעוועט. מען טרימט איהם אַרום אַביסעל, מען האַקט איהם אַרום די זייטען א קאַפּיטשקע — הכלל מען לאָזט זיך אַרום איהם וואויל געהן.

ס'ווערט געטאָן אויף א גאַנץ איינפאַכען אופן. ווען די אינשורענס קאָמפּ. אַפּעלירט אין אַן ערנסטען ארבייטער אומגליק געפינט מען שוין ווי עס איז אַן אויסרייד צו באַווייזען ווי צוויי מאָל צוויי איז א לאָפּעטע, דאָס איז דיזען ספּעציעלען פאַל קען דער קאָמפּענסיישאָן געזעץ ניט אָנגעווענדעט ווערען. דאָס פאַסירט ניט זעלטען. און קאורטס זיינען דאָ גענוג. אויב ס'איז שווער אַן עצה צו געבען זיך אין די סטייט קאָורטס געהט מען אין די פעדעראַל קאָורטס. בינו לבינה טרעפט פון צייט צו צייט, דאָס א פאַראומגליקטער ארבייטער בלייבט פונקט אזוי הילפלאָז מיט'ן קאָמפּענסיישאָן געזעץ ווי ער איז געווען פריהער, אָהן דעם געזעץ.

נאָך אַלעמען אָבער קען מען עס ניט מיט'ן האַנד ניט אַוועקמאַכען. זוען מען נעהמט אין אָנבאַטראַכט די ריעזיגע צאָהל עקסידענט קייסעס און דאָס די מייסטע פון זיי ווערען דאָך פיעל ווענינ געהאָלפען דורכ'ן געזעץ און אָהן וועלכען זיי וואָלטען דאָך ווירקליך גאָרניט געהאַט, זעהט די זאַך אויס פיעל וויכטיגער ווי מען דענקט. מען שאַצט, דאָס אין ניו יאָרק סיטי אַליין זייגען לעצטען יאָהר געוועזן איבער 300,000 עקסידענט קייסעס פון ארבייטער. ס'איז גאָר שווער צו געפינען אַן ארבייטער וואָס זאָל זיך ניט האָבען צו קאַליעטשעט ביי רער ארבייט ווען עס איז. דער קאָמפּענסיישאָן געזעץ ריהרט אַלזאָ אָן בוכשטעבליך יעדען ארבייטער.

אין די פריהערדיגע יאָהרען, ווען מיט אַן ארבייטער האָט פאַסירט עפּעס אַן אומגליק ביי דער ארבייט האָט ער געמוזט אָנשטעלען א לאָיער און קלאָגען דעם באָס ווי אין אירגענד וועלכע קייס, וואו איינער פאַראורזאַכט א שאַדען דעם צווייטען, אין גאַס אָדער אין הויז. אום צו האָבען אָבער א קייס האָט ער אומבאַדינגט געמוזט איבערצייגען, דאָס דער באָס איז דורכאויס שולדיג אין דעם עקסידענט, און דאָס דורך די דירעקטע און אונדירעקטע נאַכלעסיגקייט פון באָס איז עס פאַראורזאַכט געוואָרען. גאָך מעהר, ער האָט זאָגאַר געדאַרפט באַווייזען דאָס ער, דער ארבייטער, איז ניט געווען נאַכלעסיג, האָט זיך געהיט, א. ז. וו. מען קען זיך לייכט פאָרשטעלען ווי ווענינ טשענסעס א פּאַרוואונדעטער ארבייטער האָט, נאָכדעם ווי ער ווערט פון דער ארבייט אַרויסגעוואָרפען און קלאָגט דעם באָס, צו באַווייזען די שולד פון באָס און זיין אייגענע אונשולד, אַפּילו דאַן ווען דער פאַל איז גיט אַזוי. אָבער דאָס איז נאָך אַלעמען זעהר זעלטען. אין די מייסטע קייסעס,

דעבס זאגט. „איך קום געבען אלץ וואס איך האב פאר אונזער הייליגע

מ'קען זאָגען אין כמעט אַלע קייסעס, האָט דער אַרבייטער אויך אַ שטיקעל שולד אין דעם עקסידענט, זאָגאַר דאַן, ווען דער באָס איז געווען נאַכלעסיג. דאָס קען באַשטעטיגט ווערען פונ'ם פאַרוואונדעטען גופא. ווי זאָגט מען עס, פרעגט ניט דעם דאָקטאָר — הערט בעסער דעם חולה.

אונטער אַזעלכע אומשטענדען האָט אַן אַרבייטער געקענט געווינען אַ קייס געגען זיין באָס איין מאָל אין אַ יובל. ס'איז געווען ממש נסים ונפלאות ווען אזוינס האָט פּאַסירט. צו דעם אַלעם דאַרף מען ניט פאַרגעסען, דאָס ווייט ניט אַלע וואָס האָבען אפילו געהאַט נישט'קשה'דיגע קייסעס געגען באָס האָבען איהם געוואָלט קלאָגען. וועלכער אַרבייטער, זייענדיג געפאַלען, נאָך אַן עקסידענט, וויל עס געהן שלעפען זיך אין קאָורטס מיט'ן באָס? אָט ווען ער קריגט בעסער דעם דזשאָב צוריק וואָל געווען פאַר איהם פיעל גלייכער, קלערט ער זיך. ארום און ארום לוינט זיך ניט צו ווערען שונאים מיט'ן באָס, מ'דאַרף דאָך מאַכען אַ לעבען.

מיט יאָהרען צוריק איז געווען אַ רול וואָס האָט זיך גערופען „דהי פעללאו וואָירקערס רול". לויט יענער רול איז דער באָס ניט געווען פאַראַנטוואָרטליך פאַר אַן עקסידענט צו אַן אַרבייטער ווען עס האָט פאַסירט דורך די נאַכלעסיגקייט פון אַ צווייטען אַרבייטער. נון, אין אַ פעקטאָרי וואו ס'אַרבייטען פיעלע אַרבייטער איז עס געווע אַ גאַנץ אָפטע ערשיינונג דאָס איין אַרבייטער פאַראורזאַכט ניט ווילענדיג אַן עקסידענט צו אַ צווייטען. דער פאַראומגליקטער בלייבט דאַן פאָלשטענדיג הילפלאָז. אויב דער באָס האָט איהם מיט עטוואָס געשטיצט איז עס געווען אַ פיינקייט פון זיין זייט, אַ פילאַנטראָפּ זאַך. קומען געזעצליך קומט דעם אַרבייטער גאָר ניט.

ביסלעכווייז, כאָטש גאַנץ לאַנגזאַם, דורך די ענדערונגען פון אינדוסטריעלען לעבען, אונטער דעם איינפלוס פון פּראָגרעסיווע אנשויאונגען פון די דענקענדע עלעמענטען אין דער געזעלשאַפט און איבערהויפּט אונטער דער ווירקונג פון די אַרבייטער אָרגאַניזאַציאָנען, וואָס האָבען גענומען אַריינדרינגען אַלץ טיעפער און טיעפער אינ'ס אַלגעמיינעם לעבען זיינען געפאַסט געוואָרען מעהר ליבעראַלע געזעצען, וואָס זיינען נוגע קייסעס פון אַרבייטער עקסידענטס. אויך די אַלטע געזעצען זיינען אויסגעטייטש אַלץ מיט מעהר און מעהר יושר. געווינען אַ קייס געגען באָס איז מיט דער צייט געוואָרען אַביסעל לייכטער. אָבער קיין גרינדליכע ענדערונגען זיינען ניט געמאַכט געוואָרען. ס'איז אַפילו ניט געווען קיין אַנשטענדיגע לאַטע אויפ'ן צוריסענעם בגד. דער אַרבייטער האָט אַלץ געדאַרפט קלאָגען דעם באָס און איבערצייגען זיין נאַכלעסיגקייט. ווייל דער הויפּט גרונד פון אַן עקסידענט קייס איז די נאַכלעסיגקייט פון דעם שולדיגען.

דער „וואָירקמענ'ס קאָנפּענסיישאָן" געזעץ האָט ענדליך געמאַכט אַ פונדאַמענטאַלע ענדערונג. ער האָט אָפּגעשאַפט דעם עלעמענט פון נאַכלעסיגקייט. דאָס הייסט, אַ פאַרוואונדעטער אַרבייטער איז באַרעכטיגט צו זיין עקסידענט בענעפיט אָהן אונטערשייד וועמענס שולד ס'האָט פאַראורזאַכט דעם עקסידענט. די פראַגע איז נאָר אויב ס'האָט פאַסירט ביי דער אַרבייט און דורך דער אַרבייט. אויב יע, איז עס אַ קאָמפּענסיישאָן קייס. אויסער דעם פיהלט זיך דער אַרבייטער ניט אונגענעהם צו מאָהנען זיין קאָמפּענסיישאָן. ער דאַרף דעם באָס אין קאָורט ניט קלאָגען דערפאַר. ס'איז ביי איהם אַ סאָרט אינשורענס זאַך. ער דאַרף זיך ניט צוקריעגען מיט'ן באָס דערפאַר. אַדרבה, אין די מייסטע פעלע העלפט איהם נאָך דער באָס ארויסצוקריגען זיין קאָמפּענסיישאָן וואָס שנעלער. קאָמפּענסיישאָן איז אַ מוז־זאַך פאַר'ן באָס אזוי גוט ווי פאַר'ן אַרבייטער.

די סומע, וואָס דער פאַרוואונדעטער קריגט איז נאַטירליך ניט קיין גרויסע: אין ניו יאָרק איז עס צוויי דריטעל פון זיינע וויידזשעס און קיינמאָל ניט מעהר ווי פופצעהן דאָלאַר ($15.00) אַ וואָך אין געוועהנליכע קייסעס; אין ניו דזשוירזי איז עס נאָך ווייניגער, איין העלפט פון די וויידזשעס און ניט מעהר ווי צעהן דאָלאַר ($10.00) אַ וואָך אין קיין פאַל. אָבער ס'איז אַלץ בעסער ווי גאָר ניט. אויף ברויט מיט וואַסער איז עס דערווייל גענוג.

די יחידי הסגולה, די וואָס וואָלטען געקענט האָבען זעהר אַ גוטע קייס געגען באָס און געווינען אַ היבשע סומע געגען איהם, פאַרלירען יעצט דורך קאָמפּענסיישאָן. דערפאַר אָבער געווינט פיעל די גרויסע מאַיאָריטעט פון די פאַרוואונדעטע וואָס וואָלטען זאָנסט גאָר ניט געהאַט.

---

אויפ'ן מיטינג, און אויפ'ן שפּאַציר, אין שאַפּ און אין שטוב, אויף אַ התונה אָדער אַ ברית — מאַך אַ גוטען אָנהויב פאַר'ן מיליאָן דאָלאַר פאָנד און זעה, דאָס דיינע פריינדע זאָל זיך וועלען דיר איבערשטייגען.

* * *

עס איז פיעל בעסער דאָס ער זאָל דערצעהלען וועגען מיר שלעכטס צו דער גאַנצער וועלט איידער די גאַנצע וועלט זאָל דערצעהלען שלעכטס וועגען מיר צו איהם... — טאָססאָ.

* * *

העגעל האָט געזאָגט: „דער ווידערשפּרוך איז די הויפּט־קראַפט, וואָס באַוועגט די וועלט." — דער ווידערשפּרוך אין דער איצטיגער געזעלשאַפט וועט ברענגען צו סאָציאַליזם — האָט מאַרקס דערפון געצויגען אַ שלוס.

* * *

גיט היינט פאַר'ן „מיליאָן דאָלאַר פאָנד" און גיט מאָרגען נאָך אַ מאָל און זעהט אויך, דאָס אייער פריינד זאָל געבען.

* * *

שטעלט זיך אָפּ אויף אַ ווייַלע און דערמאָנט זיך — וויפיעל מעמבערס איהר האָט שוין דעם יאָהר אַריינגענומען אין ברענטש.

* * *

וואָס וואָלטען מיר געווען און וויפיעל וואָלט מען זיך מיט אונז גערעכענט, ווען מיר וואָלטען ניט זיין פאַראייניגט צוזאַמען אין איין אָרגאַניזאַציאָן?

* * *

אַ מיליאָן פאַר'ן קאַמפּיין — צוויי מיליאָן שטימען נאָך דעם קאַמפּיין. איילט זיך צו!

* * *

דער, וואָס האָט נור אויערען קען הערען דעם שופר פון דער צייט — ער בלאָזט שברים...

* * *

בטחון אין זיך איז דער סוד פון גבורה. — מאָנאָד.

* * *

די וועלט געהערט צו די ענערגישע. — עמערסאָן.

* * *

אפּרוהען? וועל איך דען נישט רוהען און רוהען נאָך מיין טוידט וויפיעל איך וועל וועלען? — איצט, דאַרף איך אַרבייטען — שפּעטער וועל איך עס נ י ש ט קאָנען. — אַרנאָלד.

* * *

דער בייזוויליגער נודניק און קרענק, וואָס שפּרינגט אַריין יעדער מינוט ביי יעדע פראַגע מיט לצנות און „טאָמער פאַרקערט" חכמות איז פּונקט, ווי דער עקעלהאַפטער וואָרים, וואָס פאַרגיסט מיט זיין אומריינער סלינע די איידעלסטע בלומען און עסט זיך איין אין די שעהנסטע פרוכט מיט זיינע ווערעמדיגע צייהנער.
— קאָלטאָן.

* * *

ווען עס קוקט עמיצער צו לאַנג אויף דעם באַטען — זאָג איהם גלייך און מיט שטאָלץ: איך בין אַ מעמבער פון אַרבייטער רינג.

---

זאך"--האסטו שוין געגעבען ד י י ן חלק צום מיליאן דאלאר פאנד?

# א סאניטאריום פאר געזונדע

פ. יודיטש.

לעצטענס איז מיר צום ערשטען מאָל אויסגעקומען באזוכען אונזער סאניטאריום אין ליבערטי.

די גאנצע צייט פאר מיין זיין דאָרט, פונקט ווי ווען איך בין אהין געקומען, האָבען מיך מייסטענס אינטערעסירט די פראגע וועגען דער באציהונג פון די פאציענטען איינער צום צווייטען און וועגען דעם ווי זיי אלע צוזאמען פיהלען זיך דאָרטען. וועגען ערשטען, האָב איך פאר מיר געהאט א פאָרשטעלונג, (אויב חלילה ניט פון ערפאהרונג), אז אפילו געזונטע מענשען ווען זיי לעבען צוזאמען אויף א פלאץ וואו מען טוט גאָרניט, קענען זייערע פריינדליכע באציהונגען זעלטען לאנג אָנהאלטען. וועגען צווייטען, פלעג איך זיך אָפט וואונדערען נאָך די פיעלע מעשות וועגען דעם, ווי קראנקע האָבען דעם גענוגענדען מוט, צו פיהלען זיך ווי אין אַן אייגענער היים און שעפּען נחת רערפון. די איינדריקע וועלכע איך האָב דאָרט באקומען, זיינען פאר מיר געוועזן איבערראשענד גרויס און אנגענעם. איך וועל דאָ בלויז פאַרצייכענען א פּאָר כאראקטעריסטישע ביישפּיעלע.

מיטאָג־צייט בין איך געשטאנען ביי א טיש אין דיינינגרום און געשמועסט מיט די פאציענטען וואָס זיינען ארום געזעסען. דער הויפּט געשפּרעך איז געוועזן וועגען דאָס עסען און די באהאנדלונג, וועגען וועלכער קיינער האָט גאָר ניט געקענט געפינען די פאסענדסטע ווערטער אלס אויסדרוק פון צופרידענהייט. איינער פון א צווייטען טיש, וואָס האָט געהערט אונזער געשפּרעך, האָט קוים געדולדיג פאַרענדיגט זיין מאָהלצייט, און צוגעהענדיג נעהענטער, האָט ער זיך געווענדעט צו מיר מיט די פאָלגענדע ווערטער:

„איך בין געוועזן א מעמבער פון אַרבייטער רינג עלף יאָהר איידער איך בין אהער געקומען. זעלטען באזוכט א מיטינג פון ברענטש, ניט געקערט פאר קיינע בענעפיטס און בין געוועזן א מעמבער פון יענע, וואָס צאָהלען זייערע בילס בלויז אום ניט געשטראָכען צו ווערען. דאָ בין איך ערשט דריי וואָכען, איך וויים ניט ווי לאנג איך וועל דאָ נאָך זיין און ווי איך וועל מיך פיהלען אין געזונד שפּעטער. פאר דער קורצער צייט פון מיין זיין דאָ האָב איך מיר אָבער געשטעלט נאָר איין וואונש אין מיין לעבען, און דער וואונש איז, אז ווען איך וועל פון דאנען אוועקגעהן, זאָלען מיר מיינע כחות דינען אויף אזוי פיעל, אז איך זאָל בלויז זיין אומשטאנד צו דיענען — ביז דער לעצטער מינוט פון מיין לעבען — אונזער אָרגאניזאציאָן, וואָס האָט ריזע וואונדערבארע אינסטיטושאָן מיט איהרע אייגענע כחות, פאר אונזערע קראנקע באשאפען.”

דעם זעלבען טאָג אבענדס־צייט, האָט זיך מיר פארוואָלט אליין צו מאכען א שפּאציער, אויף דעם לאנגען „ראָוד”, צווישען די געדיכטע בוימער וואָס פיהרט ארויס פון די סאניטאריום־גראונדס. עס איז געוועזן באלד נאָך א רעגען, די שטילקייט אויפ'ן „ראוד” איז געוועזן אזעלכע, אז קיין זשומען פון קיין פליהענדע באשעפעניסען האָבען זיך אויך ניט געהערט; פּלוצלונג האָבען מיר אָנגעהויבען אנטקעגען קומען שטימען פון באקאנטע אידישע מעלאָדיען; איך האָב גענומען שנעלער שפּאנען, און די ווערטער פון געזאנג האָבען זיך אָנגעהויבען טראָגען דייטליכער. מיט אמאָל האָב איך פאר זיך דערזעהן א מחנה פון צוואנציג פאציענטען, אויסגעשטעלט אין דריי באזונדערע רייהען, איינער א לעבעדיגער בחור מיט צוויי צווייגלאך אין די הענד פאָראויס. ער דירעגירט, זינגט און טאנצט דערביי אונטער, און די גאנצע חברה צוזאמען אין א לעבעדיגער שטימונג זינגען אין כאָר: „צעהן גוטע ברידערלאך זייגען מיר געוועזן”. איך האָב זעהר שטארקען חשק געהאט אריינצושפּרינגען אין די רייהען און זיך אָנשליסען אין דער גיים, האָב איך אָבער מורא געהאט פאר שטערען די שמחה. אפשר וועלען מאנכע פון זיי, מעגליך בעסערע זינגער, זיך שעהמען און אויפהערען.

איך האָב אוועקגעשפּאצירט הינטער זיי, זיי זאָלען מיך ניט זעהן, האָב זיי אָבער באגלייט ביז די סאניטאריום־גראונד, וואו זיי האָבען דאָס זינגען אויפגעהערט. זיי זיינען אריינגעקומען אין פאוויליאָן, די פלעצער ארום זיינען גלייך אויסגעפילט געוואָרען פון אנדערע פאציענטען, מען איז צוזאמען געזעסען און אויסגעהערט פאַרשיעדענע קאָמישע מעשה'לאך, וואָס פיעלע האָבען דערצעהלט נאָכ'ן נעקסט. פאר וועלכען יעדער איינציגער איז מיט הארציגען געלעכטער אפּלאָדירט געוואָרען.

איך וואָלט געקענט פאַרצייכענען פיעל אזעלכע מאָמענטען וואָס האָבען מיך געבראכט כמעט ביז אייפערזוכט... און פאר מיר האָט זיך געשטעלט די הארבע קשיא: אויב א סאניטאריום פאר קראנקע איז גוט, פאר וואָס קען ניט זיין א סאניטאריום פאר געזונטע נאָך בעסער?

אין די ענגע אידישע קווארטאלען פון גרויס ניו יאָרק, פארמאָגט דער ארבייטער רינג צעהנדליגע טויזענדער פון זיינע מיטגליעדער, פיעלע פון זיי האָבען ניט קיינע מעגליכקייטען, אפילו אין די גרעסטע היצען פון זומער, צו פאָהרען ערגעץ־וואו אין א זומער פלאץ אויף איניגע וואָכען זיך אָבצורוהען; די באדינגונגען אין די פאַרשיעדענע באָארדינג הייזער זיינען צו שווער פאר זיי. די הונדערטע פון זיי וואָס פאָהרען דאָך, קומען מייסטענס אָן אין אזעלכע פלעצער וואָס האָבען אויסצושטעהן א שרעקליכע ענגשאפט, זיי זיינען אויך ניט ווייט פון דער געפאר אָנגעשטעקט צו ווערען פון די פאַרשיעדענע קראנקהייטען וואָס ווערען פון פיעלע פארפירט אין די זעלבע ענגע פלעצער. און חוץ דעם טרעפען זיי דאָרט ניט דעם קרייז און די אטמאָספערע פון היימליכקייט און פריינדשאפט, וואָס איז אזוי נויטיג פאר די געזונטע ווי פאר די קראנקע.

היינט־צו־טאָג זיינען שוין פאראן פיעלע ספּעציעלע זומער פלעצער, געשאפען פון אָרגאניזאציאָנען פאר זייערע מיטגליעדער. פון די אידישע, קען פאר אונז דיענען אלס ביישפּיעל די „יוניטי האוז” פון די ליידיס ווייסט מייקערס יוניאָן. און איך גלויב אז עס איז געוועזן א פארזעהן — אויב ניט קיין פעהלער פון אונז — וואָס מיר האָבען ביז איצט אזא ספּעציעלען צענטער פאר אונזערע מעמבערס ניט באשאפען.

די אַרבייט פון אזא אונטערנעהמונג פאר אונז, איז כמעט פריי פון שוועריגקייטען, צוליעב פיעלע מאָטיווען אויף וועלכע איך וועל זיך דאָ ניט אָבשטעלען, גלויב איך, אז דאָס דארף ניט זיין קיין אונטערנעהמונג פון דער נאציאָנאלער עקזעקוטיווע, נאָר פון די נ י ו י אָ ר ק ע ר ברענטשעס. אנדערע גרעסערע שטעדט קענען טאָן דאָס זעלבע. א קאָ־אָפּעראטיווער זומער' צענטער, איז פאר די כחות פון די ניו יאָרקער ברענטשעס לייכט צו באשאפען, און א דאנק דער גרויסער צאָהל פון אונזער ניו יאָרקער מיטגליעדערשאפט, קענען מיר זיין אומשטאנד אויפצוהאלטען א „סאניטאריום” פאר געזונטע מיט די אלע גוטע מעלות וואָס מיר באגעגענען אין אונזער סאניטאריום פאר די קראנקע.

וואָס רענקט וועגען דעם די ניו יאָרקער סיטי אָרגאניזאציאָנס קאָמיטע?

---

יעדער טאָג איז אַ טאָג נעהנטער צום סאָציאַליזם. יעדער געגעבענער דאָלאַר מאַכט אַ דאָלאַר מעהרער צום מיליאָן דאָלאַר פאָנד.

* * *

אונגעזעצליכע בענעפּיטס זיינען, ווי אַן אָנגעזעצטע געשוויר — סוף כל סוף מוז עס אַרויספּלאַצען...

# וואָס מ׳דאַרף אין זינען האָבען ביי גרינדען אַ קאָאָפּעראַטיווע

אהרן סטאָלינסקי

פאַר דער לעצטער צייט האָב איך ערהאַלטען אַ היבשע צאָהל אָנפראַגען פון מיטגליעדער פון ארבייטער רינג וועגען אינפאָרמאַציעס מכח דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג. דאָס רוב פון זיי שטעלען אַלעס ריין־טעכנישע פראַגען, ווי, למשל: „ווי אַזוי זאָלען מיר גרינדען אַ קאָאָפּעראַטיווע גראָסערי אָדער בעקעריי?” „ווי אַזוי קריגט מען אַ טשאַרטער? אַ מענעדזשער?” א. ד. גל. איך באַמיה זיך, געוועהנליך, יערען צו באַפרידיגען. אָבער ניט שטענדיג האָב איך די מעגליך דאָס צו טאָן.

מיט דער צושטימונגקייט פונ׳ם רעדאַקטאָר פון „פריינד”, י. ב. ביילין, וועל איך פון צייט־צו־צייט ענטפערען אין „פריינד” אויף אַזעלכע אָנפראַגע, וועלכע האָבען אַן אַלגעמיינעם כאַראַקטער און קענען פאַראינטערעסירען דאָס רוב לעזער. זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז איך וועל דאָס מוזען טאָן אין די ראַהמען פון מיין באַשרענקטען פּלאַץ.

* * *

עס איז אַן אייגענטימליכער פאַקט, דאָס כמעט אַלע קאָאָפּעראַטיווע סטאָרס, וואָס זיינען אונטערגעגאַנגען פאַר די לעצטע עטליכע יאָהר אין ניו יאָרק און אין אַנדערע שטערט, זיינען פאַרוואַלטעט געוואָרען פון ערפאַהרענע ביזנעס־לייט — פערזאָנען, וועלכע האָבען שוין פאַר זיך אַליין געהאַט געשעפטען, און זיינען דאַריבער באַקאַנט מיט אַלע טריקס און הינטערוועגלעך, מיט וועלכע מען באַנוצט זיך אין דער אַלגעמיינער ביזנעס־וועלט. זעלבסטפאַרשטענדליך, דאָס מען האָט אַזעלכע ערפאַהרענע ביזנעס־לייט שטענדיג געמוזט צאָהלען גוטע שכירות. און דאָס, אייגענטליך, וואָס די פאַרוואַלטערס זיינען געוועזען ערפאַהרענע ביזנעס־לייט, האָט מיטגעהאָלפען, אַז די קאָאָפּעראַטיוון זאָל וואָס שנעלער אונטערגעהן.

אין דייטשלאַנד, ענגלאַנד און אין אַנדערע לענדער איז שוין פון לאַנג־אָן פאַראַן אַ שטאַרקער סענטימענט געגען אָנשטעלען געוועזענע ביזנעס־לייט אין אַ קאָאָפּעראַטיווער אונטערנעהמונג. דער פאַקט איז, דאָס כמעט אַלע מענעדזשערס פון די אָרטיגע קאָאָפּעראַטיוון האָבען קיינמאָל ניט געהאַט קיין ביזנעס פאַר זיך אַליין, נאָר האָבען אין גאַנצען באַקומען זייער ערפאַהרונג אינערהאַלב דער קאָאָפּעראַטיוו. און אַזוי פיהרען זיך ניט נאָר די לאָקאַלע קאָאָפּעראַטיוון, די קליינע סטאָרס נאָר זאָגאַר אַ סך קאָאָפּעראַטיווע האָלסייל סאָסייעטיעס, ווי, למשל׳ די ענלישע, וועלכע מאַכען מיליאָנען דאָלאַר אַ יאָהר אומזאַץ, ווערען אויך אין גאַנצען פאַרוואַלטעט פון אַרבייטער, אָדער געוועזענע אַרבייטער.

עס איז אויך אַ גוט באַקאַנטע טאַטזאַכע, דאָס „ערפאַהרענע” ביזנעס־לייט ווערען ערשט רעמאָלס טעטיג אין דער קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט, ווען זיי דערשמעקען, אַז דער קאָאָפּעראַטיוו קען ווערען אַ „פּעיאינג פראָפּאָזישאָן”, דאַן עס וועט זיין פון וואַנעט אָפּצולעקען אַ ביינדעל. עס איז אויך באַקאַנט דאָס ווי נאָר געוועזענע ביזנעס־לייט הויבען אָן צו ווערען אַקטיוו אין אַ קאָאָפּעראַטיוו, פאַרנעהמען זיי באַלד דעם אויבען־אָן און באַקומען די הויפּט־דעה, ווייל דער דורכשניטליכער אַרבייטער האָט שטענדיג אַ געוויסען אָפּשיי פאַר אַ ביזנעס־מאַן, וועלכער „ווייס אַלעס” אויפ׳ן ביזנעס־געביט.

און ווי נאָר די „ערפאַהרענע” ווערען די מיטגליעדער פון דער באָארד אָוו דירעקטאָרען און די מענעדזשערס, דאַן קען מען שוין מיט זיכערהייט זאָגען, דאָס דער קאָאָפּעראַטיוו איז פאַרלאָרען: ווייל אַ קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעהמונג טאָר קיינמאָל ניט אָנגעפיהרט ווערען אין דעם זעלבען גייסט און מיט די זעלבע מעטאָדען, ווי אַ פּריוואַטע אונטערנעהמונג, סיי פאַר איהר גייסטיגען, סיי פאַר איהר מאַטעריעלען נוצען. וואָרום עס ליגט שוין אין דעם כאַראַקטער פון אַ ביזנעס־מאַן שטענדיג אַ ביסעל צו פעלשען די קוואַליטעט און די קוואַנטיטעט.

דער געדאַנק, אַז ערפאַהרענע ביזנעס־לייט זיינען אַ סם־המות פאַר קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעהמונגען, מעג ביי אַ סך אויסקומען ווילד און נאַריש. אָבער ווי באַלד זיי וועלען זיך אַביסעל טיעפער אַריינטראַכטען אין דער דאָזיגער אַנגעלעגענהייט און וועלען זיך אויך באַקענען מיט די אורזאַכען וועלכע האָבען געווירקט, דאָס אַזוי פיעל קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעהמונגען זאָלען אונטערגעהן, וועלען זיי בלי ספק צוגעבען, אַז דאָס וואָס איך זאָג דאָ, איז אמת.

פונדעסטוועגען פאָדערט זיך, אַז די יעניגע, וועלכע פאַרוואַלטען אַ קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעהמונג, זאָלען אויך האָבען אַ *געוויסע* קאָמערציעלע ערפאַהרונג. אָבער אויף קיין פאַל ניט פון דעם מין, פון וועלכע די ביזנעס־וועלט באַשטעהט. כדי צו מאַכען פאַן אַן ערפאָלג אַ קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעהמונג, פאָדערט זיך אַן עלעמענטאַרע פאַרברייטונג, פאָרזיכטיגקייט און אַ היבשע פּאָרציע אויסדויער און גלויבען — אַ געגענשטאַנד, וואָס איז ניט פאַר קיין ביזנעס־מאַן געדאַכט. בקיצור: די מעטאָדען און מיטלען פון אַ קאָאָפּעראַטיוו זיינען פונדאַמענטאַל אַנדערש, ווי די פּריוואַטע אונטערנעהמונגען, הגם זיי אָפּערירען אויף דעם זעלבען געביט.

אָבער פון ניט קיין קלענערע וויכטיגקייט איז דאָס וועהלען און אָרגאַניזירען די מיטגליעדערשאַפט, בפרט נאָך ביים אָנפאַנג, ווען די אָרגאַניזאַציע איז קליין. כמעט אין קיין באַוועגונג קען די מיטגליעדערשאַפט ניט אָנמאַכען אַזוי פיעל אונאַנגענעהמליכקייטען, ווי אין אַ קאָאָפּעראַטיווע אָרגאַניזאַציע, און די מיטגליעדער מוזען דאַריבער מיט דער עסטעטישער פאָרזיכטיגקייט געקליבען ווערען. מיט אַ מיטגלידערשאַפט פון פופציג ביז הונדערט מיטגלידער, וועלכע מיינען ערנסט מיט זייער אַרבייט, איז ניט פאַראַן קיין שום אורזאַכע, אַז אַ קאָאָפּעראַטיווע סטאָר זאָל אונטערגעהן, און ניט האָבען קיין ערפאָלג.

קיין קאָאָפּעראַטיווע אָרגאַניזאַציע זאָל ניט פריהער עפענען קיין סטאָר, ביז וואַנען דער מאַרקעט איז ניט אָרגאַניזירט; אָדער מיט אַנדערע ווערטער: די מיטגליעדערשאַפט. פונקט אַזוי ווי די אייראָפּעאישע קאָאָפּעראַטיווע האָלסייל סאָסייעטיעס פאַנגען קיינמאָל ניט אָן צו פּראָדוצירען אַ געוויסען אַרטיקעל, ביז וואַנען זיי זיינען ניט זיכער צו האָבען אַ געוויסע צאָהל קאָסטאָמערס, וועלכע וועלען קענען דעקען אַלע הוצאות, וואָס פאָדערט זיך צו פּראָדוצירען אַזאַ אַרטיקעל. עס איז קיינמאָל ניט ראַטזאַם פאַר אַ קאָאָפּעראַטיוו זיך צו פאַרלאָזען אויף *צופעליגע* קאָסטאָמערס. דאָס איז אַ וויכטיגער פונקט ביים אָנפאַנג, און מען מוז איהם שטענדיג אין זינען האָבען. אָט צו דער דאָזיגער מעטאָדע ווערט אַ סך צוגעשריבען דער ערפאָלג פון די דייטשע קאָאָפּעראַטיוון.

ביים אַריינעהמען אַ מיטגליעד, דאַרף מען שטענדיג זיין פאָרזיכטיג, און איהם ניט צוזאָגען קיין איבעריגע גליקען, ווייל ביים ערשטען אונגעלונגענעם שריט ווערען אַזעלכע מיטגליעדער ענטטוישט, און דאָס ברענגט שטענדיג מעהר שאַדען, איידער נוצען. אַ סך יונגע קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטען פאַלען אָפּטמאָל אַריין אין אַזאַ עקסטאַז, דאָס זיי פאַרשפּרעכען זעהר הויכע דיווידענדען אָדער אַנדערע גליקען, און אויב עס גיט זיך זיי ניט איין דעם פאַרשפּרעכען דורכצופיהרען, וואָס עס איז ניט קיין זעלטענהייט, דאַן טויטען זיי אָפּ דעם גאַנצען צוטרויען צו זיך. רעקלאַמעס, אַדווערטייזמענטס און צושרייענדע ווינדאָו־שאָוס זיינען שטענדיג שעדליך פאַר אַ קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעהמונג. די אייראָפּעאישע קאָאָפּעראַטיוון האָבען צו פאַרדאַנקען אַ גרויסען טייל פון זייער ערפאָלג, זייער ערנסטקייט און באַשיידענקייט. *באַשיידענקייט* איז ניט נור אַ גוטע מידה, נאָר אַ *נויטווענדיגקייט* פאַר אַ קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט.

דער בעסטער פונדאמענט פאר א קאאפעראטיווע זיינען די יעניגע מיטגליעדער, וועלכע פארשטעהען די פרינציפען פון קאאפעראציע, נור די וועלכע זיינען באקאנט מיט די שטערונגען און שוועריגקייטען, וועלכע א קאאפעראטיווע אונטערנעהמונג האט דורכצומאכען אויף דעם וועג פון איהר ערפאלג. און אין דעם אייגענטליך, ווי אזוי די מיטגליעדער שטעלען זיך פאר זייער ארבייט, איז אבהענגיג דער ערפאלג פונ'ם קאאפעראטיוו. די יעניגע וועלכע דענקען, אז גרינדענדיג א קאאפעראטיוו, וועט מען די פראדוקטען קריגען צו האלבע פרייזען און עס וועט זיך סתם שיטען געלד פון אלע זייטען, וועלען באלד מיעד ווערען, ווי נאר זיי וועלען אנטרעפען דעם ערשטען שטיין אויף זייער וועג.

גאנץ אנדערש וועט עס זיין מיט די, וועלכע ווייסען, ווי שווער עס קומט אן עפעס אויפצובויען, און איבערהויפט אויפ'ן קאאפעראטיווען געביט. ביים ארייננעהמען א מיטגליעד טאר מען קיינמאל ניט פארשטעלען זיך פאר א ביזנעס ארגאניזאציע, נאר מען מוז איהם אויך שטענדיג אנווייזען אויף דער אידעאלער זייט פון קאאפעראציע. ווארום, ווי שוין געזאגט, איז א קאאפעראטיווע סטאר עפעס מעהר ווי א געוועהנליכע ביזנעס אונטערנעהמונג. דאס איז גיכער א קליינער עקספערימענט, ווי אזוי אומצוענדערען אונזער איצטיגע געזעלשאפט.

מען זאל קיינמאל ניט אנפאנגען צו גרינדען א קאאפעראטיווע אונטערנעהמונג דורך א מאס-מיטינג. ווייל אויף א מאס-מיטינג קומען פארשיעדענע עלעמענטען, און מען קען קיינמאל ניט וויסען זייערע אבזיכטען. מען דארף שטענדיג אין זינען האבען, אז וואס קלענער די ארגאניזאציע, אלס פארזיכטיגער מוז מען זיין מיט'ן ארייננעהמען מיטגליעדער.

עס איז ראטזאם, אז די יעניגע, וועלכע ווילען גרינדען א קאאפעראטיווע ארגאניזאציע, זאלען זיך צוערשט גרינדען אלס קלוב, וועלכע זאל האבען פאר זיין אויפגאבע געמיינשאפטליך זיך צו באקענען מיט'ן קאאפעראטיווען געדאנק. דער ערשטער פראקטישער שריט זאל זיין דאס בשתפות'דיגע איינקויפען פון געוויסע נויטיגע פראדוקטען, ווי, למשל, גראסעריעס, קליידער, שיך, ביכער א. ד. גל. דאס וועט געבען א געלעגענהייט מאנכע מיטגליעדער זיך נעהנטער צו באקאנען אביסעל מיט דער ביזנעס-וועלט, וועלכעס זיי וועלען שפעטער קענען אויסנוצען אויף א גרויסען מאסשטאב. די פראפיטען, וואס בלייבען איבער, דארפען בלייבען אין קלוב, אלס א פאנד פאר אן ערנסטערע אונטערנעהמונג. די בשותפות'דיגע איינקויפונגען זיינען איבערהויפט סקולס פאר קאאפעראטיווע אנפאנג-ארבייט.

קיינמאל זאל מען ניט פריהער עפענען א קאאפעראטיווע סטאר, ווי באלד עס איז ניט פאראן א גענוגענדע צאהל אויסגעצאהלטע שעהרס, וועלכע זאל גענוג זיין צו דעקען אלע הוצאות פאר דער סטאר און אויך פאר א רעזערוו פאנד. אסך קאאפעראטיווען האבען צו פארדאנקען זייער אונטערגאנג נאר דאס, וואס באלד אין אנפאנג איז זייער ארבייטס-קאפיטאל געווען אן אויסגעבארגטער.

דער גרעסטער סם-המות פאר א קאאפעראטיווע אינטערנעהמונג איז אויך דאס, וואס די מענעדזשערס און פארוואלטענדע קאמיטען שניידען זיך פאר עכטע ביזנעס-לייט, און פארגעסען אדער מאכען זיך פארגעסען זייערע ציעלען און אבזיכט. יעדער קאאפעראטיוו, ווי קליין ער זאל ניט זיין און וועלכע ביזנעס ער זאל אויך ניט מאכען, מוז שטענדיג איינפיהרען א געוויסע קולטור ארבייט און טאר זיך קיינמאל ניט אפשטעלען ביי די ביזנעס אליין. זאגאר פון מאטעריעלען שטאנדפונקט אליין קען דערפון דער קאאפעראטיוו א סך געווינען. עס מאכען אויך א גרויסען טעות די יעניגע, וועלכע גרינדען אידישע קאאפעראטיווען אין גאנצען נאכ'ן ענגלישען אדער דייטשען מוסטער. זיי פארגעסען דערביי, אז דער מאטעריאל מיט וועלכען זיי אפערירען, איז א גאנץ אנדערער ווי ביי אונז.

אט די דאזיגע אלע בעמערקונגען קענען זיך אויסדרוכטען פון ווייטענס פאר אונוויכטיגע קלייניגקייטען. אבער די יעניגע, וועלכע האבען זיך פראקטיש אפגעגעבען מיט קאאפעראציע, ווייסען, וועלכע וויכטיגע ראלע אט דיזע קלייניגקייטען שפיעלען ביי דער גרינדונג פון א קאאפעראטיווער אונטערנעהמונג.

## בעל יחוס: געמיטליכע שמועס'ען מיט אונזערע בראנטש סעקרעטערע

דער צוועק פון דיזער אבטיילונג איז דורצושמועסען זיך מיט אייך בראנטש סעקרעטערע, וועגען אלע פארשיעדענע וויכטיגע פראגען און שוועריגקייטען אן וועלכע איהר שטויסט זיך אן טאג-טעגליך. אויסהערען אייערע „טענות און קאמפליינס", און ענטפערען אלע אייערע פראגען מיט וועלכע איהר ווענדעט זיך צו די פארשיעדענע דעפארטמענטס אין אפיס, וועלכע זיינען אימער אזוי אונדערבארעמיג „סטריקט" מיט זייערע פאדערונגען, וועלכע האלטען אייך טאג-טעגליך אין איין דערמאנען וועגען די תרי"ג מצות פון דער קאנסטיטושאן, און אלע אנדערע רולס וואס די סעקרעטערע דארפען וויסען און געדענקען.

פיעלע מאל ווערט טאקי א סעקרעטער גוט אין כעס ווען מען שיקט איהם צוריק אן אפליקיישאן, א סיק סערטיפיקייט, אדער וועלכען עס איז אנדער דאקומענט, און ניט זעלטען טרעפט, אז אן אנגעשטעלטער אין א דעפארטמענט, קריגט א שלום לאהובי בריוועלע בזה הלשון: „וואס מיינט איהר זיך, אז איך האב אזוי פיעל צייט וויפיעל איהר דארטען אין אפיס? וואס מיינט איהר זיך עפעס, אז איך מאך א לעבען פון סעקרעטעריי? איהר ווייסט נאר די קאנסטיטושאן און ווידער א מאל די קאנסטיטושאן; נישקשה, צו א קאנסטיטושאן דארף מען האבען שכל אויך." אזוי געהט אוועק א לאנגער בריוועל אויף עטליכע זייטען אנגעפיקעוועט מיט מוסר, שטעכווערטלאך, מליצה, גאנצע הערענישען... און וואס ניט?

טרעפט זיך נאך א מאל א סעקרעטער גאר א הייסער איד... וואס האט נאך דערצו אלטע חשבונות פון „אלטע" און „יונגע", דא איז שוין הימעל עפען זיך; די פאנטאזיע צושפיעלט זיך דאן, און די פעדער איז ניט קארג — דאן שיסט מען מיט גיפטיגע פיילען, „טשינאווניקעס", א. א. וו. א. א. וו...

געוועהנליך אין אזא פאל פאנגט זיך אן א לאנגע קארעספאנדענץ. דער דזשענעראל סעקרעטער אדער דער רעקארדינג סעקרעטער נעמט שוין אריין די „קייס" אין זיינע אייגענע הענד. דער הויפט קלוירק פון דעם באטרעפענדען דעפארטמענט, דארף אפגעבען דין וחשבון פון דער גאנצער אנגעלעגענהייט און עס ענדיגט זיך מיט א געטייפרייטעטען לעטער דורך וועלכען עס ווערט ערקלערט און אויפגעוויזען די גערעכטע פאדערונג פון אפיס, וועלכע איז אין אנקלאנג מיט אונזער קאנסטיטושאן. און צו זיין אין כעס אויף אונזער קאנסטיטושאן איז דאס זעלבע ווי זיין אין כעס אויף דער מאיאריטעט פון אונזערע מעמבערס, וועלכע האבען מיט זייערע רעפערענדומס די זעלבע געשאפען און פארבעסערען זי אויך פון צייט צו צייט. אט דיזע מאיאריטעט גלייכט זעהר ניט, ווען איינער ניט פארשטעהענדיג, אדער בעסער געזאגט, ניט וויסענדיג א געוויסען פונקט, ווארום, און אונטער וועלכע אומשטענדען, ער איז געשאפען געווארען, פארלאנגט, אז מען זאל דעם פונקט פארבויגען, אז מען זאל האבען „זיין" שכל צו דער קאנסטיטושאן... און ווען ניט, איז „קאנצילאריע", „רעד-טייפ", טשינאווניקעס, וואס זיצען ביי דער „פעטער שיסעל" און מאטערען נעבאך די ארימע מעמבערס...

פיעלע מאל האט טאקי געטראפען, אז נאך עטליכע „שלום

לאַהובי בריוולאַך" קומט דער סעקרעטער צום שלוס, אַז די גאַנצע „סומאַטאָכע" איז אַרויס געקומען, ווייל ער האָט געוויסע פונקטען ניט געוואוסט. מאַנכע זיינען זאָגאַר געקומען פערזענליך זיך ענטשולדיגען פאַר זייערע אונבאַגרינדעטע באַשולדיגונגען און צו שטאַרקע אויסדריקע. אָבער דאָס רעדעל דרעהט זיך ווייטער, דור הולך ודור בא. סעקרעטערע בייטען זיך אָפּט (שוין אַביסעלע צו אָפּט) נייע סעקרעטערע פאַרנעמען די פּלעצער פון די אַלטע, און ויקם מלך חדש אשר לא ידע, עס קומט אַ נייער סעקרעטער וואָס ווייס ניט וועגען די אַלע ערפאַרונגען, וואָס דער פריהערדיגער סעקרעטער האָט געהאַט, און לעזען די קאָנסטיטושאָן איז בכלל ניט אין דער מאָדע, און פיליכט ניט אינטערעסאַנט, און עס ווידערהאָלט זיך ווידער די אַלטע געשיכטע...

פונדעסטוועגען סעקרעטערע, נעהמט זיך ניט שטאַרק צום האַרצען. מיר ווייסען אַז יעדער איינער פון אייך מיינט דאָס בעסטע, אַז פיעלע פון אייך גיבען אוועק זייערע פרייע שטונדען און אַטענדען צו די סעקרעטערשיפּ ווייל אייער ברענטש איז ביי אייך טייער. מיר ווייסען אויך, אַז אין אַ גרויסע צאָהל ברענטשעס באַצאָהלט זיך סעקרעטעריי זעהר שלעכט. מיר ווייסען אַז אַ גרויסע צאָהל פון אייך זיינען זעהר פאַרנומענע מענשען, און דערום קאָנט איהר זיך ניט אַזוי אָפּגעבען צו וויסען די קאָנסטיטושאָן, און אויך אַלע אַנדערע רולס אין רעגולייטשאָנס און די טעכנישע פירונגען פון סעקרעטערשיפּ. אויסצולערנען און געדענקען טרוקענע רולס, איז טאַקי זעהר שווער פאַר פיעלע פון אייך. אָבער כאַפּען אַ שמועס האָט איהר אַלע ליעב, ווייל נאָך אַלעמען זייט איהר דאָך אידיישע קינדער וואָס ליעבען אַ געמיטליכען שמועס, אַ משל, אַ געשיכטעלע; וועלען מיר טאַקע אין דיזער אָבטיילונג אייך דערצעהלען אַ מעשה מיט אַ ברענטש וואָס האָט נעבאַך געהאַט דעם שלים מזל צו קריגען אַ סעקרעטער, אמת, זעהר אַן אָרענטליכען מאַן, און אַ גוטען גענאָסע, פלעגט באַזוכען אַלע מיטינגען פון ברענטש, איז געוועזען אַקטיוו אין אַלע היכטען, אָבער אַלס סעקרעטער איז ביי איהם אַלעס געגאַנגען מיט די פּוטער אַראָפּ... פאַרוואָס? נאָר לאָמיר אייך דערצעהלען וואָרט פאַר וואָרט ווי אַזוי ער האָט עס דערצעהלט צו דעם שרייבער פון דיזע ציילען.

לעזענדיג וועגען די אַלע „שוועריגקייטען" וואָס ער האָט געהאַט, וועט איהר זעהן, אַז וואָס עס איז נויטיג צו מאַכען אַ גוטען סעקרעטער, איז צו האָבען אַ ביסעלע געדולד, און אַ ביסעלע ווילען צו לערנען. אויב איהר זייט געשטראָפּט פון דער נאַטור באַזיצענדיג די „אייגענשאַפט" פון נאַכלעסיגקייט, קאָנט איהר זיך זיין אַ גאַנץ גוטער מעמבער פון אַרבייטער רינג און אַ גאַנץ גוטער גענאָסע, איהר וועט אָבער מאַכען אַ שלעכטען סעקרעטער. דער סוד פון אַן ערפאָלגרייכען סעקרעטער ליעגט אין זיין פלייסיגקייט, און זיין ווילען וויסען וואָרום געוויסע אַרבייט ווערט געטאָן אַזוי, און ניט אַנדערש.

מיר ווילען געבען דאָס וואָרט צו אונזער סעקרעטער מיט די פיעל ערפאַרונג און זאָל ער אייך אַלעס דערצעהלען. הערט זיך איין מיט קאָפּ:

„באמת, האָב איך קיין מאָל ניט געטראַכט אין דער גאַנצער צייט פון מיין טעטיגקייט אַלס אַקטיווער מעמבער אין מיין ברענטש, אַז איך זאָל אָננעמען דעם סעקרעטער־אַמט. איך האָב זיך קיין מאָל ניט אַריינגעטראַכט וועגען די פאַרשיעדענע קליינינגקייטען, וואָס אַ סעקרעטער האָט צו אַטענדען. ווען עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען „וואַהל פאַר בעאַמטע" פלעג איך טאַקי נעמען אַ שטאַרקען אַנטייל, כ'פלעג אָבער קיין מאָל ניט אָננעמען די נאָמינייטשאָן פאַר פינאַנססעקרעטער. אָבער איין מאָל ביי אַ מיטינג, ווען עס איז געקומען צו וואַהל, האָט דער אַלטער סעקרעטער ערקלערט: באשר בכן עס זיינען צוגעקומען פיעלע מעמבערס, אַרבייט איז געוואָרען מעהר, דענקט ער, אַז די „סאַלערי" דאַרף פאַרגרעסערט ווערען; ער דענקט אויך, אַז מען וועט עס ניט טאָן וועט ער די נאָמינייטשאָן ניט אָננעמען.

„איך און די אַנדערע אַקטיווע מעמבערס פון ברענטש, זיינען באמת געווען צופריעדען מיט דעם סעקרעטער, אָבער דער „אולטימאַטום" האָט מיר שטאַרק פאַרדראָסען. וואָס הייסט, האָב איך גע'טענה'ט: אין דען סעקרעטערשיפּ אין אַ ברענטש אַן אַרבייט פאַר באַצאָהלט? דאָס איז דאָך גאָר אַן אידעאַלע אַרבייט, וואָס איז דערצו נאָך אַ גרויסע עהרע. און אום צו מאַכען שטאַרקער מיינע אַרגומענטען, האָב איך אַליין פאָרגעשלאָגען מיין קאַנדידאַטור אַלס סעקרעטער. די מעמבערס איז דאָס שטאַרק געפעלען געוואָרען, און כמעט איינשטימיג בין איך ערוועהלט געוואָרען אַלס פינאַנס סעקרעטער. אונטער באַגלייטונג פון אַפּלאָדיסמענטען און צופריעדענע בליקען בין איך דאַן אַוועק פון יענעם מיטינג אַלס דער העלד פון טאָג, בעסער געזאָגט פון יענער נאַכט. און ויהי ערב ויהי בקר. דאָס איבעריגע וועל איך אייך דערצעהלען אין נעקסטען נומער „פריינד".

## וויכטיג פאַר די קאָמיטעס וואָס באַזוכען קראַנקע פריינדע.

זאָגט איהם ניט, דאָס איהר האָט געהערט, אַז ער איז ערנסט קראַנק. ווען אַפילו ער איז עס, איז אויך גלייכער נישט צו דערמאָנען איהם דעם טרויעריגען פאַקט. דערצעהלט איהם נישט וועגען טויטען־פעלע, וואָס האָבען זיך געטראָפען פון דער זעלביגער קראַנקהייט. פּרואווט נישט אָפּצושוואַכען זיין גלויבען אין דעם דאָקטאָר אָדער אין די מעדיצינען, וואָס מ'גיט איהם. רעדט איבערהויפּט נישט צופיעל, און זייט זעהר פאָרזיכטיג אין אייער געשפּרעך נישט איבערשפּאַרען איהם, אָדער ווען ער מאַכט נישט קיין ריכטיגע באַהויפּטונג, לאָזט עס פאַרביי. זייט נישט אין אַן אומעטיגען געמיט און הערט אויף צו זיפצען; דאַגעגען דאַרף מען אויך ניט מאַכען זיך צו וואוילער־יונגיש און זיין צו פרעהלאַך. דערצעהלט איהם נישט אייערע צרות — ער האָט גענוג די אייגענע. דערצעהלט איהם נישט קיינע זאַכען פון ברענטש, וואָס קאָנען איהם אויפרעגען. פרעגט זיך נישט צו־פיעל נאָך וועגען זיינע מאַטעריעלע פאַרהעלטניסע און פּרואווט איבערהויפּט נישט פאַרקריכען צו וויט, וואָס עס טוט זיך ביי איהם אויפ'ן האַרצען. ווען ער שלאָפט און איהר רעדט זיך דורך מיט זיין פרוי, מוטער אָדער אַנדערע פאַרוואַנדעטע, היט אויך אָפּ די אויבענדערמאָנטע כללים; די וואָס זיינען אַרום דעם קראַנקען בעאַיינפלוסען איהם. באַדערט אויך איהם נישט צו לאַנג, און זעהט דאָס אייער וויזיט זאָל ניט זיין צו לאַנג.

* * *

אויב דער אַרבייטער רינג איז גוט גענוג פאַר אייך און איהר געפינט אין איהם דעם בעסטען טיפּ פון אַן אַרבייטער פאַרזיכערונגסאָרגאַניזאַציאָן, פאַרוואָס זעהט איהר נישט, דאָס אייער פריינד זאָל אויך געניסען פון דער זעלבער פאַרזיכערונג, פריינדשאַפט און געגענזייטיגע הילפע. נאַטירליך, איהר מוזט איהם דערצעהלען און ערקלערען דעם אַרבייטער רינג.

* * *

האָט איהר שוין געגעבען איין מאָל און צוויי מאָל און דריי מאָל פאַר'ן מיליאָן דאָלאַר פאָנד ביז איהר געדענקט שוין ניט וויפיעל מאָל איהר האָט שוין געגעבען?

* * *

אויב איהר בינדט נישט איין די נומערען „פריינד" (וואָס איהר וואָלט יע געדאַרפט טאָן) וואַרפט זיי נישט אַרויס נאָך אייער איבערלעזען. גיט עס אייער שכן און אייער פריינד איבערצולעזען. ווייזט איהם אָן דאָרטען אויף די אינטערעסאַנטע אַרטיקלען.

* * *

און הויבט מען אָן ביי אייך אין שטאָדט צו אָרגאַניזירען קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען — לעגט צו אַ האַנד און העלפט אין דער אַרבייט. איז ביי אייך אין שטאָדט שטיל וועגען קאָאָפּעראַטיווען, פאַרוואָס טאַקע נישט אָנהויבען רעדען וועגען דעם — און טאַקע נישט בלייבען ביי דעם רעדען אַליין...

# באריכט פון צווייטען צוזאמענפאהר פון דער נײשאנאל באארד אָוו דירעקטאָרס

ניו יאָרק, דזשולאי 5־טען, 1918

דער צווייטער צוזאַמענפאָהר פון דער נ. ב. אָ. ד. ווערט ערעפענט אונטערן פאָרזיץ פון פריינד א. סאָקאָלאָוו, מערילאַנד.

פאָלגענדע דירעקטאָרען זיינען אַנוועזענד:

| | |
|---|---|
| מ. י. אשפיז, ניו יאָרק. | ב. סלאָווין, ניו דזשוירזי. |
| ל. בענעסאָן, אילאָנאָיז. | א. סקאָלאָוו, מערילענד. |
| ל. מ. דזשאָספער, אָהייאָ. | וו. מ. ראזען, ווירדזשיניא. |
| ה. טייטעלמאַן, פענסילווייניא. | א. ראַסקין, וויסקאָנסין. |
| ה. יאַנאָווסקי, קאָנעטיקוט. | ש. שקלאָווין, מישיגען. |
| י. מאַטענקאָ, (פון קענעדע). | ד. שייער, מינעסאָטאָ. |

די דירעקטאָרען פון מעין און ראָוד איילאַנד זיינען אַבוועזענד. פריינד אַשפיז ערקלערט, אַז פר. ה. קינבורג, דירעקטאָר פון מעין האָט רעזיגנירט און וואַהלען דארפען קירצליך פאָרקומען פאַר אַ נייעם דירעקטאָר; פר. י. חלק איז אַבוועזענד צוליעב פאַמיליע אַנגעלעגענהייטען.

פאָלגענדער טאַגעס אָרדנונג ווערט אָנגענומען:

1). פּראָטאָקאָלען פון ערשטען צוזאַמענפאָהר.
2). צושריפטען.
3). סעקרעטער׳ס באַריכט.
4). באַריכט פון קאָנווענשאָן.
5). באַריכטען פון די סטייטס.
6). באַריכט פון די סטענדינג קאָמיטעס.
7). עקזעקוטיוו פּראָטאָקאָלען און באַריכט.
8). באַשליסע אויף מעגליכע אַפּיעלס.
9). וואָהל אַם בעסטען.

פר. אַשפיז לעזט פאָר די פּראָטאָקאָלען פון לעצטען צוזאַמענפאָהר און זיי ווערען גוט געהייסען.

עס ווערען פאָרגעלעזען דריי צושריפטען:

פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע. — לאָזען אונז וויסען אַז פריינד י. מאַטענקאָ איז ערוועהלט געוואָרען נאַציאָנאַלער דירעקטאָר פון קאַנאַדע. ער ווערט אינסטאָלירט.

זיי לאַדען אונז אויך איין צום דזשאָינט מיטינג פון דער עקזעקוטיוו און די נ. ב. א. ד. אויף שבת נאָכמיטאָג, דעם 6טען יולי. אָנגענומען.

אַ צושריפט פון פר. מ. זבאַר פון מילוואָקי. — באַקלאָגט זיך, אַז דער דזשענעראַל סעקרעטער האָט אין זיינע נאָטיצען „איינדריקע פון מילוואָקי" איהם אוז נאָך דריי חברים אָנגעגריפען און מען האָט זיי ניט געלאַזען אָפּדרוקען אַ פאַרטיידיגונג אין „פריינד".

פר. באַסקין ערקלערט, אַז אין זיינע „איינדריקע" האָט ער ניט דערמאָהנט קיין נעמען און ער גלויבט ניט, אַז עס איז נויטיג געווען צו פאַרפיהרען אַ דעבאַטע וועגען „איינדריקע". אין זיינע נעקסטע נאָטיצען האָט ער באַריהרט די טענות פון אַ בריף וואָס איינער פון זיי האָט איהם צוגעשיקט און דאַרויף געענטפערט און דערמיט איז די זאַך ערלעדיגט.

אַזוי ווי דער בריף איז זעהר לאַנג און מען קאָן ניט אַרויסקריגען וואָס דער בעטרעפענדער פאַרלאַנגט פון דער נ. ב. ווערט באַשלאָסען איהם צו ענטפערען, אַז די נ. ב. האָט דעם סעקרעטער׳ס ערקלערונג געפונען אַלס צופריעדענשטעלענד.

באַשלאָסען דאָס די צייט פון די זיצונגען זאָלען זיין די זעלבע ווי ביים לעצטען צוזאַמענפאָהר. פון 9.30 ביז 1 נאָכמיטאַג און פון 2.30 ביז 5.30 נאָכמיטאַג.

דער סעקרעטער פר. אַשפיז גיט אָפּ פאָלגענדען באריכט: —

1). די געמיינשאַפטליכע קאָמיטע פון דער נ. ב. און די נאַצ. עקז. קאָמ. וועלכע איז ערוועהלט געוואָרען אויסצואַרבייטען פּלענער ווי צו פאַרלייכטערען די צאָהלונגען פאַר די עלטערע מעמבערס, וועגען „רייטס" עס וועלען לויט דער סיסטעם פון פּראָפּאָרציאָנאַל רייטס, פיעל געהעכערט ווערען, האָט געמיטעט דעם 9טען מאַרטש, 1918. די קאָמיטע האָט איינשטימיג אָנגענומען אַ באַשלוס צו רעקאָמענדירען דער קאָנווענשאָן, אַז די מעמבערס וועלכע זיינען אַריין אין ארבייטער רינג (בעפאָר די רייטס זיינען אָנגענומען געוואָרען) אין דעם עלטער פון 35 יאָהר און העכער, זאָלען פון דעם 4טען יאָהר אָן און ווייטער קריגען גוט געמאַכט 25 פּראָצענט פון זייערע צאָהלונגען צום מאָרטשוערי פאָנד. די קאָמיטע פון דער נאַצ. עקז. האָט זיך פאַרפליכטעט אויסצואַרבייטען אַ דעטאַלען פּלאַן, פון וועלכע קוועלע די געלד זאָל געשאַפען ווערען. דיעזען באַשלוס האָט ער פּובליצירט אין אָפיציעלען באַריכט פון דער נ. ב. צום קאָנווענשאָן.

2). פון דער עקז. באַריכט צו דער לעצטער קאָנווענשאָן, געפינט ער אַז די סטייטס מיזורי, טעקסאַס און קאַליפאָרניא זיינען באַרעכטיגט צו זיין פאַרטראָטען אין די נ. ב. א. ד. און אָבוואָהל מאַנכע סטייטס זיינען צו־ווייט אום צו קענען באַנוצען זיך מיט זייער רעכט, גלויבט ער אָבער אַז ווענינסטענס מיזורי, קען זיין פאַרטראָטען אין דער נ. ב. א. ד.

3). די דירעקטאָרען פון די ווייטערע סטייטס האָבען איהם אויפמערקזאַם געמאַכט אַז לעצטענס איז די רעילראָוד קאָסטען געהעכערט געוואָרען אויף אַרום דרייסיג פּראָצענט און דאָס מאַכט אוממעגליך פאַר די דירעקטאָרען פון די ווייטערע סטייטס צו קומען צום צוזאַמענפאָהר. ער האָט זיך באַראַטען מיט פריינד באַסקין און אויף זיין ראַט, האָט ער די באַטרעפענדע דירעקטאָרען געלאָזט וויסען, אַז פאָרלויפיג מוזען זיי די ריזיקע פון די העכערע קאָסטען נעהמען אויף זיך. די פראַגע זאָל אָבער באַשפּראָכען ווערען אויפ׳ן דזשאָינט מיטינג, וואָס מיר וועלען האָבען מיט דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע.

דער באַריכט פון סעקרעטער ווערט גוט געהייסען.

וועגען דער רעקאָמענדיישאָן אין באַצוג צו די עלטערע מעמבערס ווערט באַשלאָסען, אַזוי ווי די לעצטע קאָנווענשאָן האָט די פראַגע ניט פאַרהאַנדעלט, זאָל עס דאַרום אָבגעלעגט ווערען ביז דעם נעקסטען צוזאַמענפאָהר; וועגען די באַרעכטיגטע סטייטס, ווערט באַשלאָסען, אַז דער סעקרעטער זאָל שרייבען דער נאַציאנאלער עקזעקוטיווע און פאַרלאַנגען וואו מעגליך צו מאַכען וואַהלען פאַר נאַציאָנאַלע דירעקטאָרען: וואָס אַנבעלאַנגט די רעילראָוד קאָסטען, איז די נ. ב. מיט דער מיינונג, אַז דיזע העכערונג פון וועלכע די קאָנווענשאָן האָט קיין אַהנונג ניט געהאַט מוז צו די דירעקטאָרען אויסגעצאָהלט ווערען. זאָנסט וועלען אַ העלפט דירעקטאָרען ניט קענען אַטענדען די צוזאַמענפאָהרען און מיר וועלען ניט האָבען קיין קוואָרום צו קענען האַלטען אונזערע מיטינגען.

דערמיט ווערט די זיצונג געשלאָסען.

---

צווייטע זיצונג פרייטאג נאָכמיטאג, דזשולאי דעם 5טען. טשערמאַן פר. ל. בענעסאָן, פר. שקלאַווין גיט אָפּ אַ באַריכט פון קאָנווענשאָן.

ער ערקלערט אַז די נ. ב. האָט געקראָגען גענוג אויפמערקזאַמקייט, אונזערע רעקאָמענדיישאָנס זיינען כמעט אַלע אָנגענומען געוואָרען. ער שטעלט זיך אָפּ אויף דעם שטאַנדפּונקט, וועלכער הערשט ביי פיעל פון אונזערע אַקטיווע מיטגליעדער, אַז די נ. ב. איז ניט מעהר ווי אַן „אָרנאַמענט" און פאָלגליך וויל מען ניט ערלויבען קיין גרעסערע אויסגאַבען פאַר דיזער קאָמיטע. דאָס מוז אונבאַדינגט אָפּגעשאַפט ווערען. די אויפגאַבען פון דער נ. ב. דאַרף זיין דורכצופיהרען אין יעדען סטייט די אָרגאַניזיישאָן ארבייט. דאָס וואָלט דער נ. ב. געגעבען מעהר פּרעסטידזש און דאַן וואָלט קיין פראַגע מעהר ניט געווען צי דאַרף אַ דירעקטאָר קריגען אויסגעצאָהלט רייזע קאָסטען, אָדער ער זאָל באַצאָהלען די קאָסטען פון זיין אייגענעם פּאָקעט.

דאָס רופט אַרויס אַן אַלגעמיינע, דיסקוסיאָן אין וועלכע די אַרבייט פון דער נ. ב. ווערט ברייט אַרומגערעדט. עס איז די איינשטימיגע מיינונג פון דער נ. ב. אַז די טעטיגקייט פון דיזער קאָמיטע דאַרף געפיהרט ווערען אין אַנדערע ליינס ווי ביז יעצט, אַז אַנשטאָט אַן „אָרנאַמענט" זאָלען זיי ווערען אַ ווירקזאַמע טעטיגע קערפּערשאַפט. באַשלאָסען דיזע פראַגע צו פאַרהאַנדלען ביים דזשאָינט מיטינג מיט דער עקזעקוטיווע.

אונזערע פונקטען צום דזשאינט מיטינג זאָלען זיין ווי פאָלגט:

1). די דדירעקטאָרען זאָלען פון צייט צו צייט באַזוכען די די שטעדט פון זייערע סטייטס.

2). די געהעכערטע רעילראוד קאָסטען;

3). די פראַגע פון באַצאָהלטע אָרגאַניזערס.

פריינד צביון באַריכטעט דאַן פאַר דער עדיוקיישאָנאַלע קאָמיטע.

די 7 ביכער, וועלכע די לעצטע עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט אַרויסגעגעבען איז שוין צוויי דריטעל אויספאַרקויפט. די נייע קאָמיטע וועלכע איז א פאָרטזעצונג פון דער אַלטער, אַרבייט שוין אויס פלענער פאַר נייע ביכער. זיי קלייבען זיך אַרויסצוגעבען ביכער: וועגען דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג; אַ קינדער כרעסטאָמאַטיע; און אַן אַריפמעטיק. אַויסער אַנדערע פיעל וויסענשאַפטליכע ביכער וואָס ווערען פאָרבעריַיטעט.

זיי האָבען אָנגעשטעלט אַלס עדיוקיישאָנאַל סעקרעטער און רעדאַקטאָר פון „פריינד", גענ. י. ב. ביילין, און דערמיט איז דורכגעפיהרט געוואָרען אַ פאַראייניגונג פון ביידע דעפּאַרטמענטס. די קאָמיטע אַזוי גוט ווי דער רעדאַקטאָר, וועלען זיך געבען די מיה צו מאַכען דעם „פריינד" וואָס מעהר אינטערעסאַנט און נוצליך.

די קאָמיטע וועט דיזען יאָהר דעם עדיוקיישאָנאַל בודזשעט צוטיילען אין דיסטריקטען און אין די גרעסערע קאונטרי שטעדט גרינדען דיסטריקט עדיוקיישאָנאַל קאָמיטען און ער האָפט, אַז די נ. ב. יעדער אין זיין סטייט, וועלען העלפען דורכצופיהרען דיזע אָרגאַניזאַציאָנס פלענער פון עדיוקיישאָן.

די קאָמיטע זוכט אויפ'ס ניי אויפצולעבען דעם קלוב פון איינליוטערס. לעקטשורס זיינען ניט אַזוי צוציהענד פאַר מיטגליעדער, ווי דיסקוסיאָנען אין וועלכע יעדער מעמבער קען האָבען אַ וואָרט און עס פאָדערט זיך איינליוטערס פאַר דיזען צוועק. אַזעלכע איינליוטערס קלובס דאַרפען געגרינדעט ווערען ניט נאָר אין ניו יאָרק נאָר אויך אין די קאונטרי שטעדט.

אין אַלגעמיין אַרבייט די קאָמיטע צופריעדענשטעלענד, אַטענדען צו די מיטינגען און זיי זיינען זעהר פאַראינטערעסירט אין דער אַרבייט. ער באַריכט, אַז די קאָמיטע האָט אָבגעקויפט 2000 קאָפּיעס פון קאַרל מאַרקס יובילעאום בוך, און די מיטגליעדער פון אַרבייטער רינג וועלען עס קריגען פאַר 45 סענט אַ שטיק. ווייטער אַנאָנסירט ער, אַז דער אַרבייטער רינג אָרקעסטער איז געוואָרען אַ ברענטש פון אַ. ר. און ביי אונזער אונטערנעהמונג דעם ערשטען מאַי האָט ער זיך זעהר גוט אויסגעצייכענט.

צולעצט פּרעזענטירט דר. האָפמאַן (צביון) אַלע מיטגליעדער פון דער נ. ב. מיט אַ סעט ביכער פון דער לעצטער אויסגאַבע, וועלכע ווערט מיט דאַנק אָנגענומען.

פאָלגענדע פראַגען ווערען געשטעלט צו פר. צביון:

שקלאַווין: — וועט מען אויף אויפהאַלטען כאָרען אין די קאונטרי שטעדט?

מאָטענקא: — פאַרלאַנגט מעהר איינצעלהייטען איבער דער געפּלאַנטער כרעסטאָמאַטיע.

בענענסאָן: — ווי אַזוי איז געסעטעלט געוואָרען די יוניאָן־פראַגע אין בעצוג דעם אר. ר. אָרקעסטער?

שיוער: — וויל מעהר איינצעלהייטען וועגען די בודזשעטען פאַר די דיסטריקט קאָמיטען.

פר. צביון ענטפערט אויף די פראַגען:

1). יעדע שטאָדט קען זיך אויפהאַלטען אַ כאָר פון איהר טייל בודזשעט.

2). זיי קלייבען זיך מאַכען אַ כרעסטאָמאַטיע פון איינציגע טייל און דער מאַטעריאַל וועט קאָנטראָלירט ווערען פון דער עד. קאָמ. אויך וועט זיך אין פריינד דרוקען ליטעראַטור פאַר קינדער שולען.

3). די יוניאָן־פראַגע ברענגט ניט צו קיינע צוזאַמענשטויסע. דער אָרקעסטער איז פאַר קאָנצערט מוזיק. פאַר דענסעס ווערט געדונגען פראָפעסיאָנעלע מוזיקער.

4). וואָס אַנבעלאַנגט די איינצעלהייטען פון די בודזשעטען פאַר די דיסטריקט קאָמיטען איז עס נאָך ניט גענוי אויסגעאַרבייט און ער קען ניט אָנגעבען קיינע איינצעלהייטען. עס איז ערשט אַ מאָנאַט אַז די נייע קאָמיטע איז אין אַמט און זי איז נאָך ניט אומשטאַנד געווען יעדען פּלאַן גענוי אויסצואַרבייטען.

דער באַריכט ווערט גוט געהייסען. און אַ דאַנק ווערט אויסגעדריקט צו דער עדיוק. קאָמ. און צום טשערמאַן, פר. צביון.

פר. ל. ראַטמאַן באַריכטעט פון דער בענעפיט קאָמיטע:

די קאָמיטע איז בלויז איין מאָנאַט אין אַמט און פאָרלויפיג קען ער פיעל ניט באַריכטען: אין ניו יאָרק האָבען די מעדיקאַל עקזאַמינערס פאַרלאַנגט אַ העכערונג אין פּרייז פאַר מעמבערס עקזאַמיניישאָנס. פון די 17 מעדיקאַל עקזאַמינערס זיינען נאָר דריי געווען צופריעדען צו פאַרבלייבען פאַר'ן אַלטען פּרייז. דער פּרייז איז דאַריבער געהעכערט געוואָרען פון 50 סענט אויף אַ דאָלאַר, אָבער צוויי מאָל אַ וואָך, מאָנטאַג און פרייטאַג, קענען קאַנדידאַטען עקזאַמינירט ווערען אין דזש. אָפיס פאַר'ן אַלטען פּרייז.

אַ „רייז" ווילען אויך די ברענטש דאָקטוירים. די קאָמיטע דענקט אַז אַצינד איז אַ פּאַסענדע געלעגענהייט ווידער אויפצוהויבען די פראַגע פון דיסטריקט דאָקטוירים.

דער אַלגעמיינער יקרות מאַכט, אַז 6 דאָלאַר אַ וואָך איז ניט מעהר גענוג אַלס קראַנקען בענעפיט און די קאָמיטע האָט באַשלאָסען צו שטודירען די פראַגע פון העכערען דעם קראַנקען בענעפיט.

פר. שקלאַווין פרעגט: — צו איז אַ ברענטש געצוואונגען אָנצוהאַלטען אַ דאָקטאָר?

פר. ראַטמאַן ערקלערט אַז לויט דער קאָנסטיטושאָן איז אַ ברענטש ניט געצוואונגען אָנצוהאַלטען אַ דאָקטאָר. ברענטשעס דאַרפען אָבער אָנהאַלטען דאָקטוירים ווייל עס איז זעהר ניט ראַטזאַם, אַז יעדער מעמבער זאָל האָבען אַן אייגענעם דאָקטאָר אונטערצושרייבען סערטיפיקייטס.

דער באַריכט ווערט גוט געהייסען. די בענעפיט קאָמיטע און פר. ראַטמאַן ווערען באַדאַנקט.

פר. וויינבלאַט באַריכטעט דאַן פאַר דער גריוועגס קאָמיטע ווי פאָלגט: — די אַרבייט וואָס די קאָמיטע האָט געטאָן ביז מאַי איז שוין באַריכטעט געוואָרען צום קאָנווענשאָן. די נייע קאָמיטע האָט נאָר געהאַט צוויי אַפּיעלס פון מעמבערס געגען די ענטשיידונגען פון ברענטשעס. ביידע אַפּיעלס זיינען ביי זיי גוט געהייסען געוואָרען נאָך אַן אונטערזוכונג. די קאָמיטע איז פון איהר זייט זעהר פּינקטליך, שטרענגט זיך אָן צו האַנדלען גערעכט.

ער באַריכטעט אויך, אַז די באַריהמטע טשיקאַגאָ קייס וואו אַ מעמבער איז אָנגעקלאָגט געוואָרען אין ניט אַנשטענדיגע אויפפיהרונג, איז פון זיי שוין ערלעדיגט געוואָרען. דער בעשלוס איז געווען דעם בעטרעפענדען צו טראַנספערירען עט לאַרדזש.

פר. אַשפּיז פרעגט: — צו האָט זיך די קאָמיטע באַראַטען מיט אינזער לאָיער אין באַצוג אַרויסצו־וואַרפען דעם באַטרעפענדען מעמבער פון אַרבייטער רינג?

פר. וויינבלאַט ענטפערט, אַז די קאָמיטע האָט ניט געפונען פאַר נויטיג צו באַראַטען זיך, זיי ווייסען אַז דאָס איז דאָס איינציגע וואָס מען האָט אין דיזער אַנגעלעגענהייט געקאָנט טאָן.

דער באַריכט ווערט גוט געהייסען און אַ דאַנק ווערט אויסגעדריקט צו דער גריוועגס קאָמיטע און צו פר. וויינבלאַט.

דערמיט ווערט די צווייטע זיצונג געשלאָסען.

---

3־טע זיצונג שבת פריה דזשולאי דעם 6טען. אַלס טשערמאַן פר. י. מאָטענקא. די דירעקטאָרען באַריכטען פון זייערע סטייטס:

י. מאָטענקאָ, קענעדענע, — דער אַרבייטער רינג ליידעט דאָרט איבער דעם וואָס ער איז ניט לעגאַליזירט אין קענעדע. דאָס שטערט זעהר פיעל די אַרבייט, וועלכע וואָלט געקאָנט זיין פיעל מעהר ערפאָלגרייך אַ דאַנק די גוטע האַרמאָניע וואָס עס הערשט דאָרטען. די נ. ב. דאַרף זעהן סטימולירען די אַרבייט פון מאַכען דעם אַרבייטער רינג לעגאַל אין קענעדע.

יש. שקלאַווין, מישיגען, — דער אַרבייטער רינג האָט אין מישיגען סטייט נאָר איין וויכטיגען צענטער, און דאָס איז דעטראָיט. די לעצטע קאָנווענשאָן האָט דיזע שטאָדט אַרויפגעשטעלט אויפ'ן רעפערענדום אַז דאָרט זאָל געהאַלטען ווערען די נעקסטע קאָנווענשאָן. די מעמבערשיפ איז דערפון זעהר צופריעדען. די מעמבערס פיהרען אָן אַ באַוועגונג צו האָבען פאַרטיג אַ לייבאָר ליסעאום צו דער נעקסטער קאָנווענשאָן און ווען זיי ווייסען שוין אויף זיכער, אַז דער רעפערענדום האָט גוט געהייסען דעטראָיט, וואָלט די באַוועגונג פאַר אַ לייבאָר ליסעאום פיעל סטימולירט געוואָרען.

דעטראָיט פאַרמאָגט יעצט 70 טויזענד אידישע איינוואָהנער, די מיהרסטע אַרבייטער און איז אַ זעהר גוטע פעלד פאַר'ן אַרבייטער רינג עס איז אָבער נויטיג פון צייט צו צייט צו שיקען איינעם פון

ניו יאָרק צו אַדרעסירען מאַסענפאַרזאַמלונגען. ער דענקט אַז פר. אַב. עפּשטיין וואָלט געווען דער פּאַסענדסטער פאַר דיזען צוועק.

ער האָט אויך אָפּגעגעבען אַ באַריכט פון לעצטען צוזאַמענפאָהר אין טאָלידאָ, הגם טאָלידאָ באַלאַנג צו אָהייאָ סטייט, אָבער געאָגראַפיש איז זי נעהנטער צו דעטראָיט.

בענעסאָן, אילינאָיז, — מיט דער אויסנאַהמע פון דריי ברענטשעס געפינען זיך אַלע ברענטשעס פון אַרבייטער רינג פון אילינאָיז, אין שיקאַגאָ. די ברענטשעס זיינען צווישען זיך פארבונדען אין א סיטי סענטראַל קאָמיטע, וועלכע גיט זיך אָפּ מיט אַלגעמיינע געזעלשאַפטליכע טעטיגקייט און אַן אָרגאַניזיישאָן קאָמיטע וועלכע גיט זיך אָפּ מיט די זעלבע אַרבייט ווי אַלע סיטי אָרגאַניזיישאָן קאָמיטעען. די סיטי סענטראַל קאָמיטעען און די אָרגאַניזיישאָן קאָמיטעען ווערען פון די ברענטשעס זעהר רעספּעקטירט און אַ דאַנק דעם, ווי אויך די שטאַרקע טאָלעראַנץ וואָס מען האָט צו אַ צווייטענס מיינונג, איז שיקאַגאָ שטענדיג האַרמאָניש און עס איז געווען דאַן, ווען אַנרערשוואו איז מען געווען צוטיילט צווישען „אַלטע און יונגע“.

שיקאַגאָ האָט אַן אייגענעם קלוב פון דיסקוסיאָנס איינלייטערס, גיבען פון צייט צו צייט לעקטשורס און נעהמען אַליין אַ גרויסען אַנטייל אין דער טעגליכער כאָציאַליסטישער צייטונג „די וועלט“.

סאָקאָלאָוו, מערילאַנד, — די מעהרסטע ברענטשעס געפינען זיך אין באַלטימאָר. זיי האָבען אַ לייבאָר לייסעאום און אַ סאָנדעי סקול. די ברענטשעס זיינען פאַרבונדען אין דער פּיפּעלס רעליעף פון באַלטימאָר. דער „טעגדעי“ וואָס זיי האָבען לעצטען ווינטער געמאַכט פאַר'ן אַ. ר. האָט אַריינגעבראַכט אַרום 900 דאָלאַר. אין אַלגעמיין, לעבען די ברענטשעס אין האַרמאָניע און זייער סיטי קאָמיטע טוט גוטע אַרבייט.

דזשאַכפּער, אָהייאָ, — די ברענטשעס זיינען צו־וואָרפען איבער'ן גאַנצען סטייט און האָבען זיך נאָר פאַרבונדען דאַן ווען אויפ'ן רעפערענדום איז געשטאַנען די פראַגע פון „פראַטוירנאַל רייטס“. די מעהרכטע ברענטשעס געפינען זיך אין קליוולאַנד. די דיסטריקט קאָמיטע איז אָבער דאָרטען שוואַך אויס מאַנגעל אין אָנפיהרענדע קרעפטען. ער האָט באַזוכט אירי, פּענסילווייניא, וועלכע איז נאָהענט פון קליוולאַנד, אום צו באַריכטען פון אונזער לעצטען צוזאַמענפאָהר.

יאַנאָווסקי, קאָנעטיקוט, — דער הויפּט צענטער איז נאַטירליך האַרטפאָרד. זיי האָבען זיך אונטערנומען צו שאַפען אַ לייבאָר לייסעאום און אַצינד האָבען זיי טראָבעל, ווייל זיי האָבען זיך אין אָנפאַנג פאַרבונדען מיט געוויסע ראַדיקאַלע עלעמענטען וועלכע רופען אַצינד אַרויס צוויסטיקייטען מיט זייערע פאָדערונגען און קאַפריזען. זיי האָבען פון רעליעף טאָג ניט געמאַכט קיין סוקסעס ווייל פּונקט צו יענער צייט איז אַרויסגעגעבען געוואָרען די פאַראָרדנונג וועגען די „היטלעס מאָנדעיס“. און זיי האָבען זעהר אונטערנעהמונג געמוזט שליסען האַלב נאָך צעהן אָבענד.

שייער, מינעכאָטאָ, — די ברענטשעס אַרבייטען פלייסיג פאַר אַ לייבאָר לייסעאום. ברענטש 249 האָט געקויפט שעהרס פאַר אַלע מעמבערס און די לעצטע צאָהלען די שעהרס אויס צום ברענטש. צוויי לאָטס זיינען געקויפט געוואָרען און אין גיכען נעהמט מען זיך בויען.

דער רעליעף האָט אַריינגעבראַכט אָרום 300 דאָלאַר. דער מעמבערשיפּ קאַמפּיין געהט צו שוואַכלעך, ווייל דער פעלד איז באַשרענקט. יעדער מעמבער דאַרף ברענגען אַן אַדרעס פון איינעם וואָס איז פּאַסענד פאַר'ן אַרבייטער רינג, זיי האָבען אַ קאָמיטע, וועלכע באַזוכט נאָכהער דיעזע פּערזאָנען און אויף דיזען וועג האָפען זיי צו פאַרגרעסערען די מעמבערשיפּ פון א. ר. זיי נעהמען אויך אַנטייל אין די כאָציאַליסטישע קאַמפּיינס פון מינעאַפּאָליס.

ראַכקין, וויסקאָנסין, — דער הויפּט צענטער איז מילוואָקי. מעדיסאָן און שעבאָיגען זיינען קליינע שטעדטלעך מיט קליינע ברענטשעס, דאָך זיינען זיי אָל רייט און טוען גוטע אַרבייט. שעבאָיגען האָט אַן אייגענע לייברערי. די שטאָדט איז געווען זעהר פאַנאַטיש אין די „סטראַפּטשעס“ האָבען פּראָבירט שטערען די לייברערי, אָבער די ענערגישע האַלטונג פון ברענטש האָט זיי שטיל געמאַכט.

אין מילוואָקי בעסערט זיך די לאַגע און די מעמבערס ווערען מעהר האַרמאָניש. פאַר'ן רעליעף האָבען זיי געמאַכט 617 דאָלאַר. זיי האָבען שוין 2,500 דאָלאַר פאַר אַ לייבאָר לייסעאום און זיי העלפען אויך אין דער אַלגעמיינער באַוועגונג.

וועגען דער מעמבערשיפּ קאַמפּיין פּלאַנעווען זיי אַרויסצוגעבען אַ ספּעציעלען קאַמפּיין זשורנאַל מיט פּאַסענדע אַרטיקלען וועגען דעם אַרבייטער רינג. זיי דענקען אַז דער זשורנאַל וועט זיך באַצאָהלען פון די אַדווערטייזמענטס.

ראָזין, ווירדזשיניאַ, — דיעזער סטייט האָט מעהר צענטערס. אָבער די אַרבייט געהט צו זעהר לאַנגזאַם. ער האָט זיך געשטעלט אַלס אויפגאַבע צו מאַכען עס מעהר לעבעדיג. ער האָט באַזוכט איינינע שטעדט אין די אינטערעסען פון א. ר. רעליעף און עס איז געשאַפען געוואָרען אַרום 800 דאָלאַר. די אידישע באַפעלקערונג האָט זיך אין דיזען סטייט פיעל פאַרגרעסערט און ווען דער אָפּיס זאָל העלפען, קען מען אַרבייטענדיג, אַריינבעהמען נאָך אַ פּאָר טויזענד מעמבערס. זייערע ברענטשעס מאַכען שוין אַראַנדזשמענטס פאַר'ן נייעס מעמבערשיפּ קאַמפּיין.

צולעצט לאַדעט ער איין די נ. ב. צו דער פייערונג פון רעם 10טען יאָהריגען יובילעאום פון בר. 212, פון וועלכען ער איז אַ מעמבער. באַשלאָסען צו שיקען אַ באַגריסונג.

טייטעלמאַן, פּענסילווייניא, — דער הויפּט צענטער פון דיזען סטייט איז פילאַדעלפיא, ווייטער זיינען פאַראַן ברענטשעס צו־וואָרפען אין פאַרשיעדענע שטעדטלעך ווייט פון צענטער.

זייער סטייט האָט אַריינגענומען אין לעצטען מעמבערשיפּ קאַמפּיין אַרום 400 נייע מעמבערס און קאָלעקטעט פאַר'ן אַרב. ר. רעליעף אַריבער 2,100 דאָלאַר. ער מאַכט אויפמערקזאַם דער אָרגאַניזיישאָן קאָמיטע צו באַזוכען די ברענטשעס אין די שטעדט ווייטער פון צענטער.

כלאַווין, ניו דזשוירסי, — די ברענטשעס אין דיזען סטייט זיינען צעוואָרפען, אָבוואָל עס זיינען אויך פאַראַן צוויי צענטערס, נוארק און פּעטערסאָן. די ברענטשעס טוען זייער אַרבייט צופריעדענשטעלענד און זיינען זעהר טהעטיג אין דער קאָ־אָפּעראַטיווער באַוועגונג.

פר. גוסקין באַריכטעט פאַר דער כאַנאַטאָריום קאָמיטע: — די נייע קאָמיטע האָט זיך גענומען אויסצובעסערען דעם קאָנטראָל פון אַלצדינג וואָס דער כאַנאַטאָריום קריעגט אָדער פאַרברויכט. זיי ווילען אַז דער בוק־קיפּער זאָל אַלעס טשעקען און זיין פאַראַנטוואָרטליך פאַר די ריכטיגקייט פון די אַקאַונטס.

ער שטעלט זיך אָפּ דאַרויף וואָס „העלפּ“ קאָסט אַצינד זעהר טייער. דאָס שטערט זעהר פיעל אָנצוגעהן רעגעלמעסיג מיט דער אַרבייט.

ער באַריכטעט אויך אַז דעם 21טען דזשולאי וועט אויף די גראונדס פו סאַנאַטאָריום פאָרקומען אַן אונטערנעהמונג פאַר'ן לאָס אַנדזשעלעס סאַנאַטאָריום. ווייטער איז אַלעס שטיל און רוהיג, קיינע קאָמפּליינס האָבען זיי ניט. ער לאַדעט איין דער נ. ב. צו באַזוכען דעם סאַנאַטאַריום און זיך אין אַלעס איבערצייגען.

פאָלגענדע פראַגען ווערען געשטעלט צו פריינד גוסקין:

שקלאַווין: — וויפיעל פּאַציענטען געפינען זיך אַצינד אין סאַנאַטאַריום? ווי פיעל קאָסט אַ טאָג פּער פּאַציענט?

שייער: — ווי אַזוי קויפט מען פּראָדוקטען און ווי ווערען זיי פאַרברויכט און ווען ווייסט מען אַז געוויסע פּראָדוקטען דאַרפען ווידער געקויפט ווערען און וועלכע עס איז נאָך פאַראַן גענוג? (ד. ת. וועלכע בוכקיפּינג קאָנטראָל האָט מען דאַרויף?)

סאָקאָלאָוו: — איז דער נייער דאָקטאָר צופריעדענשטעלענד?

ראָזין: — וואָס קען מען טאָן און צו קריגען עקזעמפּשאָן פאַר אַ קאָנסאַמפּטיוו? אין וועלכע באַציהונג שטעהט דער אַרבייטער רינג מיט'ן לאָס אַנדזשעלעס סאַנאַטאַריום? קען מען שיקען שטיצע צום ל. אַ. ס. דורך דעם דזשענעראַל אָפּיס פון אַ. ר.?

יאַנאָווסקי: — איז פאַראַן אַ יוניפאָרם סטייטמענט צו פיהרען אַ קאָנטראָל איבער די פּראָדוקטען?

דזשאַכפּער: — אויב אַלעס קאָסט טייער, וואָס דענקט די קאָמיטע צו טאָן מיט'ן פּרייז פאַר פרויען פּאַציענטען?

פריינד גוסקין ענטפערט אויף די פראַגען:

1). אין סאַניטאַרויס געפינען זיך 68 מענער און 10 פרויען פּאַציענטען. די קאָסטען פּער טאָג פאַר אַ פּאַציענט איז $3.05 (דריי דאָלאַר און פינף סענט).

2). אין דער פראַגע פון פּראָדוקטען איז ביז יעצט געווען דר. שוואַט אי דאָקכאַר אי מענעדזשער און ער איז געווען פאַר אַלעס פאַראַנטוואָרטליך; אַצינד ווילען זיי אַז ביים דעליווערען, זאָל זיין;

דער דאָקטאָר וועלכער זאָל אַלעס איבערנעהמען, עס אָבטשעקען און עס איבערגעבען צום בוקקיפּער. ביים פאַרברויכען וועט די מייטראָן אַלעס דאַרפען קריגען פון בוקקיפּער אויף אַ סליפּ און יעדע וואָך וועט מען שיקען אַ רעפּאָרט אין אָפיס.

3). דער דאָקטאָר איז לויט די אומשטענדען צופריעדענשטעלענד, און ער איז דער בעסטער וואָס מען האָט געקאָנט קריגען פאַר'ן סאַנאַטאַריום.

ווענען עקזעפּשאָן פאַר קאָנסאָמפּטיווס, שטעהען זיי אין פאַרבינדונג מיט דער כאָסייעטי „פאָר דהי פּרעווענשאָן אָוו טובערקולאָזיס", קיין גאַראַנטיע קענען זיי קיינעם ניט געבען, אַז ער וועט קריגען עקזעמפּשאָן, דאַרויף זיינען דאָ אַנדערע אויטאָריטיס. מיט'ן ל. א. ס. זיינען מיר ניט אין קיינע דירעקטע פאַרבינדונגען. אָבער מיר שטיצען זיי פּעריאָדיש און זיי ווידער גיבען פּרעפערענס צו אונזערע מעמבערס אַריינצוקומען אין סאַנאַטאַריום, וואָס אַנבעלאַנגט שיקען שטיצע, האָט די לעצטע קאָנווענשאָן באַשלאָסען, אַז די ברענטשעס זאָלען אַלע געלדער פון שטיצע שיקען דורך דעם דזשענעראַל אָפיס.

5). יוניפאָרם סטייטמענטס צו קאָנטראָלירען די פּראָדוקטען זיינען געווען פריהער, אָבער ווי געזאָגט, וועט די קאָמיטע דורכאויס באַשטעהן, אַז מען זאָל דעם קאָנטראָל דורכפיהרען מיט דיזע סטייטמענטס.

6). דער פּרייז פאַר פרויען פּאַציענטען איז טאַקע ניט גענוג, אָבער העכערען דעם פּרייז מיינט צוצומאַכען די טירען פאַר דיזען קלאַס פּאַציענטען. מען רעכענט זיי נאָר פאַר „טיש" וואָס דאָס קאָסט אונגעפעהר ארום 15 דאָלאַר.

דער באַריכט ווערט גוט געהייסען. און אַ דאַנק ווערט אויסדריקט צו דער קאָמיטע און צום באַריכט־אָבגעבער, פר. גוסקין.

פר. דינערשטיין באַריכטעט פאַר דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע.

די וויכטיגסטע אַרבייט פון דער נאַצ. אָרג. קאָם. איז די ערוועהלונג פון די נייע דיסט. אָרג. קאָמיטעען פאַר'ן קומענדען יאָהר. די יעהרליכע דיסטריקט קאָנפערענצען וועלען געהאַלטען ווערען אין די מאָנאַטען יולי און אויגוסט. ביי דיזע קאָנפערענצען וועלען אויך געמאַכט ווערען נאָמינייטשאָנס אויסצופילען די וואַקאַנסיעס פון דער נ. ב. אָוו ד.

די קאָמיטעס וועלען ערוועהלט ווערען ווי פאָלגט: אין שטעדט פון ווייניגער ווי 10 ברענטשעס — אַ פאַרטרעטערשאַפט פון דעלעגאַטען פון יעדען ברענטש; שטעדט אָדער דיסט. פון מעהר ווי 10 ברענטשעס, זאָלען ערוועהלען סטענדינג קאָמיטעס. די ערפאַרונג האָט געצייגט אַז סטענדינג קאָמיטעס זיינען מעהר פאַראַנטוואָרטליך ווי די גרויסע דיסט. קאָמיטעען מיט פאַרטרעטער פון יעדען ברענטש.

די אָרג. קאָם. האָט איצט אָנגעפאַנגען דעם קאַמפּיין פאַר 10,000 מיטגליעדער ביז דער נעקסטער קאָנווענשאָן. דער קאַמפּיין זאָל געפירט ווערען דעם גאַנצען יאָהר, און יעדען מאָנאַט אין אַ ספּעציעלער ריכטונג. צב"ש: דעם מאָנאַט אָקטאָבער וועלען זיי אָפּגעבען פאַר געשטראָבענע מעמבערס; נאָוועמבער פאַר פרויען מיטגליעדער; דעצעמבער און יאַנואַר וועט זיין אַ גענעראַל קאַמפּיין. פאַר אַריינגעמען 5 מיטגליעדער וועט מען קריגען אַ פּרעזענט אַ סעט ביכער; עס וועלען אויך געגעבען ווערען פּרעזענטען צו ברענטשעס, וועלכע וועלען זיך ספּעציעל אויסצייכנען אין דיזען קאַמפּיין.

דיזען יאָהר דענקען זיי ניט צו מאַכען קיינע טורס איבער'ן לאַנד, נאָר זיי וועלען ספּעציעל זיך אָבגעבען מיט די גרעסערע צענטערס וואו דער ערפאָלג האָט גרעסערע אויסזיכטען. עס ווערט אָנגעפירט אַ קאַמפּיין צווישען די יוניאָנס, אָבער עס איז אַ שווערע אויפגאַבע און דער ערפאָלג איז נאָך פאָרלויפיג אונבאַדייטענד.

עס איז געקומען אַ פאַרלאַנג פון קריסטליכע סאָסייעטיעס וועלכע ווילען ווערען ברענטשעס, אָבער די קאָמיטע געפינט ניט פאַר ראַטזאַם אַזעלכע ברענטשעס צו גרינדען און הייסט זיי אַלס מיטגליעדער זיך אָנצושליסען אין די עקזיסטירענדע ברענטשעס. ער מעלדעט אויך פון אַ טראָבעל וועלכען זיי האָבען געשליכטעט אין דולוטה, מינעסאָטאַ, אין וועלכען זיי האָבען זיך באַראַטען מיט דער אָרטיגער אָרג. קאָמיטע.

פאָלגענדע פראַגען ווערען געשטעלט צו פר. דינערשטיין:

כאַקאָלאָוו: — ווארום אין מינעסאָטאַ האָט מען מיט דער אָרטיגער אָרג. קאָם. זיך יאָ באַראַטען אין אַ פאַל פון טראָבעל און אין באַלטימאָר, אין אַן ענליכען פאַל, האָט מען זיך ניט באַראַטען?

ראָזען: — ווייס די קאָמיטע ווי אַזוי נאָך אויסצוגעפינען שטעדט אין וועלכע דאָרט איז אַ פּאַסענדע באַפעלקערונג צו גרינדען ברענטשעס?

פר. דינערשטיין ענטפערט אויף די פראַגען:

1). אין מינעסאָטאַ איז דער טראָבעל געווען מיט אַ ברענטש. די דיסט. קאָם. איז געווען אונפּאַרטייאיש און מען האָט זיך געקענט מיט זיי באַראַטען. אין באַלטימאָר איז דער סכסוך געווען מיט דער אָרג. קאָם. זעלבסט, און אין דיזען פאַל קען מען זיך ניט באַראַטען מיט'ן בעל סכסוך.

2). די מיטלען אויסצוגעפינען שטעדט אין וועלכע מען קען גרינדען ברענטשעס זיינען פאַרשידענע און די קאָמיטע באַנוצט זיך דערמיט.

דער באַריכט ווערט גוטגעהייסען און די אָרג. קאָם. צוזאַמען מיט פר. דינערשטיין ווערען באַדאַנקט.

פר. דייווידאָוו באַריכטעט פאַר דער אָפיס קאָמיטע:

זיי האָבען געקויפט פאַר 60,000 דאָלאַר ליבערטי באָנדס און דענקען אויך צו אינוועסטען געלד אין גאַראַנטירטע ערשטע מאָרגעדזשעס. דער אָפיס איז אין בעסטען אָרדנונג, טראָץ דעם וואָס ער איז ניט אינגאַנצען צופרידען מיט אַלעס.

די קאָנטראָל פון די ברענטש ביכער וועט פון זיי געמאַכט ווערען דורך די פּערסעל־יעהרליכע רעפּאָרטס, וועלכע יעדער סעקרעטער וועט דאַרפען אויספילען און דער אָפיס וועט די רעפּאָרטס אונטערזוכען און פאַרגלייכען מיט די ציפערען אין דזש. אָפיס. דאָס וועט מאַכען אַ שטרענגערע קאָנטראָל און לויט דער פאָדערונג פון דער באָנד קאָמפּאַני.

פר. ראָזען: — זאָל פר. דייווידאָוו ערקלערען מיט וואָס איז דער אָפיס פאַר איהם ניט צופרידענשטעלענד?

פר. דייווידאָוו ענטפערט, אַז אַזוי איז אַלעס אָל רייט, די אַרבייט איז גוט אַטענדעט, די מאַשינערי פון אָפיס איז געאיבט אין איהר אַרבייט, אָבער ער מיינט אַז עס פעהלט לידערשיפּ.

דער באַריכט ווערט אָנגענומען און די אָפיס קאָם. צוזאַמען מיט פר. דייווידאָוו ווערען באַדאַנקט.

דער טשערמאַן פאָדערט אויף די דירעקטאָרען אויפצושטעהן אלס צייכען פון טרויער צו די פאַרשטאָרבענע גענאָסען כלעבנאָוו, דר. ראָזענכאָן, דר. קאַפּלאַן און פ. לעווין.

דערמיט ווערט די דריטע זיצונג געשלאָסען.

4טע זיצונג שבת נאָכמיטאָג, דעם 6טען דזשולי.

אַלס טשערמאַן פר. יאַנאָווסקי. פר. עפּשטיין באַריכטעט פון דער נאַצ. עקז. קאָמיטע.

די נאַצ. עקז. איז אינסטאַלירט געוואָרען ענדע מאַי און האָט געהאַט נור איין כאָנאַטליכען מיטינג. די ענדערונג וואָס איז געמאַכט געוואָרען אין דער פאָרם פון די ערוועהלונג פון נאַצ. עקז. איז ניט געווען קיין טעות. עס האָט אַבסאָלוט ניט געשטערט די האַרמאָניע וואָס עס הערשט אין דער פאַרוואַלטונג.

די נאַצ. עקז. האָט נאָך איהרע פּלענער אינגאַנצען ניט אויסגעאַרבייט, דאַרום וועט זיין באַריכט באַרירען נור עטליכע פּונקטען:

דער קאַמפּיין פאַר 70,000 מעמבערס צו דער נעקסטער קאָנווענשאָן וועט דיזען מאָל געפירט ווערען דעם גאַנצען יאָהר. דער אַ. ר. האָט נאָך גענוג מעגליכקייטען צו פאַרגרעסערען זיין מעמבערשיפּ. מיר קענען יעצינד אַריינגעהמען מעמבערס עלטער פון 40 יאָהר. מיר דאַרפען זיך אַנשטרענגען, אַז די פרויען פון אונזערע מעמבערס זאָלען אַריינגעהן אין אַ. ר. יעדע שטאָדט וועט דאַרפען צושטעלען איהר קוואָטאַ פּראָפּאָרציאָנעל, לויט איהר באַפעלקערונג, און אין דיזען וועג ערוואַרטעט ער, אַז מיר זאָלען צוקריגען די נויטיגע צאָהל נייע מעמבערס.

די לעגאַליזירונג פון אַ. ר. אין אַלע סטייטס: עס זיינען שוין געמאַכט געוואָרען אַפּליקיישאָנס צו אַלע סטייט אינשורענס קאָמישאָנערס, אָבער מען וואַרט אויף דעם באַריכט פון ניו יאָרקער אינשורענס קאָמישאָנער. זיי ערוואַרטען שנעל צו קריגען טשאַרטערס איבער'ן גאַנצען לאַנד.

ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט ווערט געשאָנקען צו מאַסס. סטייט. עס איז שוין אַ מאַססע אַרבייט אַריינגעלעגט געוואָרען, אָבער עס זעהט אויס אַז מיט גוטען וועט דער „אינדעפּענדענט" פון מאַסס. זיין באַזונדערע קלייזל ניט אויפגעבען און מען וועט דאַרפען אָנפירען

שטאַרקען קאַמפּיין, אַז דער ווילען פון די מעמבערס פון מאַסס. זאָל ניט אונטערדריקט ווערען און זיי זאָלען קענען קומען צום וואָרט.

וועגען געזעלשאַפטליכע פראַגען, האָט דער אַ. ר. אונטערנומען צו שאַפען 10,000 דאָלאר פאַר'ן סאציאליסטישען „מיליאָן דאָלאַר פאָנד", און עס ווערען אויסגעאַרבייט פּלענער ווי צו שאַפען נאָך געלד פאַר די מלחמה קרבנות אין אייראָפּאַ.

די געזעלשאַפטליכע אַרבייט פון אַרב. רינג ביז יעצט איז אַנמעטום זעהר הויך אָבגעשעצט געוואָרען, אַ דאַנק דעם וואונדערבאַרען ערפאָלג וואָס דער א. ר. מאַכט איז זיינע געזעלשאַפטליכע אונטערנעהמונגען.

ער באַשטרייט דייווידאָווס מיינונג, אַז אין אָפּיס פעהלט לידערשיפּ. עס איז די מיינונג פון דער גאַנצער עקז. (אויסער פר. דייווידאָוו), אַז די פיהרונג פון אָפּיס איז א י ן ג אַ נ צ ע ן צ ו פ ר י ד ע נ ש ט ע ל ע נ ד. ער דריקט אויס זיין האָפנונג, אַז אַלע קאָמיטעען וועלען אָנהאַלטען האַרמאָניע און דורך דעם קומען ערפאָלגרייך צו דער נעקסטער קאָנווענשאָן.

פאָלגענדע פראַגען ווערען געשטעלט צו פר. עפּשטיין:

ראָזען: — קען די עקז. ספּעציעל דורכפירען, אַז יעדע שטאָדט זאָל שאַפען איהר קוואָטאַ? אויב יע, מוז דאָס אונבאַדינגט געזעצט ווערען אין קראַפט.

מאטענקא: — ווארום האָט מען ניט דערמאָנט וועגען לעגאַליזירען דעם אַ. ר. אין קענעדע?

סלאַווין: — לוינט זיך פאַר אונז אַריינצונעמען אין אַ. ר. אַ סך פרויען ערשטע אָדער צווייטע קלאַס?

סאָקאָלאָוו: — ווארום רעדט פר. עפּשטיין פון האַרמאָניע און אַליין האָט ער נעכטען ביי דער נ. ב. געהאַלטען אַ רעדע אין וועלכע ער פיהלט, אַז ער איז געוואָרען אָנגעגריפען?

פר. עפּשטיין ענטפערט אויף די פראַגען:

1). דער איינפאַל פון אַ „קוואָטאַ" איז זעהר אַ גוטער און ער גלויבט, אַז ער קען דורכגעפירט ווערען אַמוועניגסטענס אין 90 פּראָצענט שטעדט. די עקז. ווי געזאָגט, וועט אין דיזער ריכטונג מאַכען איהרע אָנשטרענגונגען.

2). קענעדע אַיז ניט געווען נויטיג ספּעציעל צו דערמאָנען, ווייל קענעדע איז ניט קיין אויסנאַהם. מען אַרבייט פאַר דער לעגאַליזירונג פון א. ר. אין קענעדע אַזוי גוט ווי אין גאַנצען לאַנד.

3). צו לוינט זיך אַריינצונעהמען פרויען מעמבערס? ער ווייס ניט פון קיינע פעלע, אַז דער אַ. ר. זאָל צולעגען צו פרויען מעמבערס.

4). וועגען פר. סאָקאָלאָווס טענות:

אין זיין נעכטיגע רעדע האָט ער אונטערגעשטראָכען, אַז ביי אונז ליידען מיר דערפון, וואָס מאַנכע קומען מיט פראַגען צו די מעמבערס בעפאָר זיי ווערען דיסקוטירט ביי די קאָמיטעען זעלבסט. דאָס ווייזט אַז מיר רעספּעקטירען זיך ניט גענוג. נור דאַן ווען די פראַגע איז בעפאָר פאָרגעבראַכט געוואָרען ביי די פאַרוואַלטענדע קאָמיטעען, איז געוואָרען דורכגעדראָשען, מעג נאַכהער, דער וואָס איז אונצופרידען, דאָס פאָרברענגען פאַר די מעמבערס. עס איז אָבער ניט אַנשטענדיג צו געהן מיט פראַגען צו די מעמבערס אין דער צייט, וואָס ווען זיי ווערען פאָרגעבראַכט פריהער ביי די קאָמיטעען, וואָלטען זיי צופרידענשטעלענד פאַרענטפערט געוואָרען.

אין דיזען זין האָט ער נעכטען גערעדט ווען עס האָט זיך געהאַנדעלט אום אַ עהנליכען פאַל, אָבער האָט ניט געדענקט וועמען עס איז אָנצוגרייפען.

דער באַריכט ווערט גוטגעהייסען, און אַ דאַנק ווערט אויסגעדריקט צו דער נאַצ. עקז. און צו פר. עפּשטיין.

עס ערשיינט אַ קאָמיטע פון בר. 330 אַ. ר. אַפּעלירענדיג געגען אַן ענטשיידונג פון דער נאַצ. גריוועַנס קאָמיטע. זיי ווערען ערקלערט, אַז די נ. ב. קען נור אויפנעמען קלאַגען געגען פאַרוואַלטענדע קאָמיטעען. אַפּיעלס געגען זייערע ענטשיידונגען קענען מיר ניט אויפנעמען, ווייל זייערע ענטשיידונגען זיינען בינדענד.

דער מיטינג ווערט דאַן געשלאָסען ביז 7 אוהר אבענד און עס ווערט ערעפענט אַ דזשוינט מיטינג פון דער נאַצ. עקז. צוזאַמען מיט דער נ. ב. אָוו ד. צו פאַרהאַנדלען די פאָלגענדע פראַגען: 1) קאַמפּיין פאַר 70,000 מעמבערס; 2) קאַמפּיין פאַר 10,000 דאָלאַר פאַר'ן סאָציאַליסטישען מיליאָן דאָלאַר פאָנד; 3) ווייטערע הילפע פאַר די מלחמה קרבנות; 4) די געהעכערטע ריילראָוד פעיר פאַר די נ.ב.ש. דירעקטאָרען; 5) די דירעקטאָרען זאָלען באַזוכען די נאָהענטע שטעדט אין זייערע סטייטס; 6) באַצאָהלטע אָרגאַניזערס פאַר'ן אַרבייטער רינג.

די מינוטס פון דיזען דזש. מיטינג זיינען גענומען געוואָרען פון פר. גאָליעבטער.)

---

### 5טע זיצונג שבת 7 אוהר אבענד, דעם 6טען יולי.

אַלס טשערמאַן פר. ראַסקין. פר. באַסקין גיט אָב זיין פינאַנס באַריכט:

די פאָנדס פון אַ. ר. געפינען זיך אַלע אין אַ בעסערען צושטאַנד ווי אין יאַנואַר. דער קראַנקען בענעפיט פאָנד האָט פאַר'ן לעצטען האַלב יאָהר פאַרגרעסערט זיין סורפּלוס אויף אַרום 25,000 דאָלאַר; דער קאָנסאָמפּשאָן בענעפיט פאָנד, אַרום 8,000 דאָלאַר; דער „פריינד" אריבער 4,000 דאָלאר. אמבעסטען איז אָבער דער צושטאַנד פון מאָרטשוערי פאָנד. אונזער וואַלואיישאָן איז 99.84 פּראָצענט. דאָס איז זיכער אַ זעהר ערפרעהענדע ערשיינונג.

דער קאָנווענשאָן פאָנד האָט אַצינד אַ סורפּלוס פון נאָהענט צו 3,000 דאָלאַר, אָבער די העכערונג אין ריילראָוד פעער וועט מעגליך ברענגען, אַז נאָך דער נעקסטער קאָנווענשאָן — אוי[illegible] וועט זיין אין דעטראָיט — וועלען מיר האָבען אַ קליינעם [illegible].

די אויסגאַבען פאַר קראַנקען בענ[illegible] ווייסט ד[illegible] ווי לעצטען יאָהר. אָבער פּראָפּאָרציאָנעל [illegible] קלענער, [illegible] איז גרעסער אונזער מעמבערשיפּ. אויך מערקט זיך אַ באַדייטענדע פאַרקלענערונג אין די צאָהל געשטראָכענע מעמבערס. דאָך איז ער איבערצייגט, אַז מען קען די שטרייך מגפה נאָך קלענער מאַכען, ווען די סיטי קאָמיטעען זאָלען דאַרויף ריכטיג אויפפּאַסען. ער דערמאָנט אַ פאַקט, וואו אַ ברענטש האָט געשטראָכען [illegible] מעמבער וואָס באַלאָנגט שוין אין אַ. ר. 16 יאָהר. דער מעמבער האָט נאָך גאַנץ [illegible] שטרייכען, אָבער דורך לאָקאַלע פּאָליטיקס [illegible] כען.

די 25,000 דאָלאַר פאַר'ן רעליעף וואָס די [illegible] אַ. ר. האָט זיך אונטערנומען צו שאַפען איז געשאַפען געוואָרען כמעט אין גאַנצן. [illegible] דערפאַר קומט די ברענטשעס, וועלכע האָבען זיך פאַר דיזען קאַמפּיין וואַרעם אָפּגערופען.

די צאָהל געדרעפּטעטע מעמבערס וואָס זייבען רעקאָרדעט אין אָפּיס איז אַרום 1,300. פאָרלויפיג וועט דער פאָנד בעזונג זיין צו דעקען זייערע דיוס. וואָס עס וועט זיין שפּעטער ווען די צאָהל וועט גרעסער ווערען קען ער אַצינד באַשטימט ניט זאָגען.

פר. באַסקין באַקלאָגט זיך העראויף, וואָס אין אַ געוויסען מייל ברענטשעס איז יעצט טויט. זיי זיינען מיט דער אויסנאַהמע פון אַ קליינע צאָהל, זעהר ווייניג טעטיג אויף'ן קולטורעלען געביעט. עס דאַרף זיין אונזערע ווייטערע אויפגאַבען צו זעהן, אַז מעהר בייסטיגעס לעבען זאָל אַריינגעבראַכט ווערען אין די ברענטשעס. דער אַ. ר. איז פינאַנציעל זעהר רייך. זיין פאַרמעגען איז שוין אַרום אַ מיליאָן דאָלאַר און מיר מוזען זעהן ער זאָל ניט זיין ווייניגער רייך גייסטיג.

פר. בענענסאָן פרעגט, צו מען קען פאַנאַנדער זאָגען אַ ברענטש אין בעצוג שטרייכען אין דער צייט וואָס דער באַטרעפענדער מעמבער האָט זיין ביל ניט באַצאָהלט?

פר. באַסקין ענטפערט, אַז דאָ האַנדעלט זיך אום די לייכטזיניגקייט מיט וועלכער מען שטרייכט אָפטמאָל גאַנץ אַלטע מעמבערס; און אויף אַזוי פיעל קען מען אַ ברענטש מאַכען אויפמערקזאַם.

דער באַריכט ווערט גוטגעהייסען און פר. באַסקין ווערט באַדאַנקט.

די נ. ב. פאַרהאַנדעלט די פראַגע פון באַזוכען דעם סאַניטאַריום. עס ווערט באַשלאָסען דאָס דער סאַניטאַריום זאָל באַלד באַזוכט ווערען פון אַ קאָמיטע, וועלכע זאָל איהר רעפּאָרט איבערשיקען צום סעקרעטער, און ער זאָל קאָפּיעס פון רעפּאָרט פאַנאַנדערשיקען צו אַלע

---

**אין נאמען פון אלץ וואס איז הייליג און אין נאמען פון די וואס**

דירעקטאָרען. בעפאָר דעם נעקסטען צוזאַמענפאָר אין יאַנואַר, זאָל אַ צווייטע קאָמיטע באַזוכען דעם סאַניטאַריום אום מיר זאָלען דאַן וויסען די לעצטע פּאַסירונגען און צושטאַנד.

אין דער ערשטער קאָמיטע וועלען ערוועהלט די פריינדע סאָקאָלאָוו און סלאַווין, אין דער צווייטער ראַסקין און ראָזען.

עס ווערט פאָרגענומען די פראַגע אויסצוטייטשען די ווערטער „פון צייט צו צייט" אין באַצוג צו באַצאָהלטע אָרגאַניזערס וואָס דער דזשוינט מיטינג האָט איבערגעגעבען צו דער נ. ב. אונזער אויסטייטשונג איז, אַז דעריין איז ניט געמיינט געוואָרען קיין טערמין: — א מאָנאַט אָדער צוויי; נור ווען די עקז. באַשטימט דורכצופיהרען פאַר אַ באַשטימטער צייט אַ געוויסע טהייל אָרג. אַרבייט פאַר וועלכער עס איז נויטיג אַ באַצאָהלטער מענש, מעג זי אַזאַ מענשען פאַר דיזער צייט אָנשטעלען. זיין טערמין דאַרף זיך אָבער ענדיגען אַזוי שנעל ווי די אַרבייט איז דורכגעפירט.

דערמיט איז די זיצונג געשלאָסען.

6טע זיצונג זונטאָג פריה דעם 7טען יולי.

אָלס טשערמאַן פר. דזשאַספער. אַ קאָמיטע פון בר. 600 אַפּעלירען צו דער נ. ב. צו רעקאָנסידערען דעם באַשלוס פון דער אַלטער נ. ב. אין דער קיים פון זייער מעמבער אייזיקסאָן וועלכען עס איז ענטזאַגט געוואָרען זיין קאָנסאָמפּשאָן בענעפיט, דערפאַר ווייל ער איז קראַנק געוואָרען בעפאָר 6 מאָנאַטען.

די עקזעקוטיווו האָט צו יענער צייט איהם באַוויליגט קאָנסאָמפּשאָן בענעפיט, אָבער די אַלטע נ. ב. האָט ענטשידען ער זאָל קיין בענעפיט ניט קריגען. די פראַגע איז ארויפגעקומען צו דער לעצטער קאָנווענשאָן און זי האָט ענטשיעדען, אַז מיר זאָלען די קיים נאָכאַמאָל דורכקוקען.

באַשלאָסען איהם אויסצוצאָהלען זיינע קאָנסאָמפּשאָן בענעפיט.

בר. 330 קלאָגט אָן דער נאַצ. גריוועַנס קאָם. אַז זיי האָבען אין אַ געוויסער קיים ענטשיעדען געגען זיי, זאָגאַר זייער צד ניט אויסהערענדיג. באַשלאָסען די קיים איבערצוגעבען צו דער גריוועַנס קאָמיטע.

פר. י. ב. ביילין, דער רעדאַקטאָר פון „פריינד", האַלט דאַן אַ קורצע רעדע אין וועלכע ער בעט די נייִשאָנאַל דירעקטאָרען צו שאַפען אַ בעסערע שטימונג פאַר'ן „פריינד" צווישען די מעמבערס. ער האָט עס געמאַכט פאַר זיין אויפגאַבע צו מאַכען דעם „פריינד" מעהר אינטערעסאַנט און לעבעדיג. ער בעט אויך צו באַריכטען איבער די טעטיגקייט פון די פערשיעדענע סטייטס און טעריטאָריען.

— ווערט מיט דאַנק אָנגענומען.

פר. דייווידאָוו קומט צו דער נ. ב. אַלס איינער פון דער עקז. און בעט אונז אונטערצוזוכען די פאָרם פון דער יעצטיגער פאַרוואַלטונג, וועלכע לויט זיין מיינונג, טויג ניט. די עקז. אַרבייט גוט טראָץ די שלעכטע פאַרוואַלטונגס־פאָרם, אָבער די סיסטעם איז אַ גרויסע שטערונג אָהן וועלכער עס וואָלט אין פיעלע הינזיכטען געקאָנט זיין נאָך בעסער. ער דענקט אַז יעדע איינצעלנע קאָמיטע איז צו זעלבסטשטענדיג אין איהר טעטיגקייט, און איין קאָמיטע איז ניט גענונג פאַראינטערעסירט אין די אַרבייט פון דער צווייטער קאָמיטע.

אַזוי ווי פר. דייווידאָוו האָט ניט אָנגעגעבען קיינע באַשטימטע פּונקטען פעסטצושטעלען זיין באַהויפּטונג, ווערט די פראַגע געטייבעלט.

עס ווערען פאָרגענומען פאַרשיעדענע פאָרשלעגע און אַמענדמענטס, אָבער אַזוי ווי אונזערע פאָרשלעגע דאַרפען דאָך גוטגעהייסען ווערען פון קאָנווענשאָן, ווערען זיי אַלע אָפּגעלעגט צו פאַרהאַנדלען צום נעכסטען צוזאַמענפאָר.

פר. באַסקין האַלט דאַן אַ קורצע שלוס רעדע אין וועלכער ער פאָדערט די דירעקטאָרען אויף, צו מעהר אינטענסיווער טעטיגקייט, און דערמיט ווערט דער צווייטער צוזאַמענפאָר געשלאָסען.

מ. י. אשפּיז, סעק. נ. ב. אָוו ד.

# זיצונגען פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע א. ר.

דער רעגולער מאָנאַטליכער מיטינג פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע פון אַרב. רינג ווערט ערעפענט זונטאָג, דעם 14טען דזשולאַי, אום 10 אוהר פריה, פון טשערמאַן, פריינד עפּשטיין.

צושריפטען.

פון דער נאַציאָנאַלער אַסאָסיאיישאָן צו פאַרשפּרייטען טרייד־יוניאָניזם צווישען נינערס — בעטען צו לאָזען זיי וויסען, ווען זייערע אַ קאָמיטע וועט צוגעלאָזען ווערען. באַשלאָסען זיי איינלאַדען צו אונזער נעקסטען מיטינג.

—

פון בר. 212, נאָרפאָלק, ווירדזשיניא — לאַדען איין צו שיקען אַ פאָרטרעטער צו זייער 10־יעהרינען יובילעאום, וועלכער וועט געפייערט ווערען דעם 1טען סעפּטעמבער. זיי ווילען צו דער געלעגענהייט אָנפיהרען אַ קאַמפּיין פאַר מעמבערשיפּ און פאַר שאַפען אַ פאָנד פאַר די מלחמה קרבנות. — באַשלאָסען איבערגעבען דעם צושריפט צו דער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע.

—

פון די נייִשאָנאַל באָארד אָוו דירעקטאָרען — דער סעק., פר. מ. י. אשפּיז, שרייבט:

1) אַז פון דעם רעפּאָרט פון דער נאַצ. אָרג. קאָמיטע האָבען זיי געפונען, דאָס די סטייטס מיזורי און טעקסעס האָבען די נויטיגע צאָהל בראַנטשעס, וואָס בערעכטיגט זיי צו זיין פאָרטראָטען אין דער נ. ב. ד. און דאַרום זאָל נעאָרדערט ווערען וואַהלען פאַר דירעקטאָרען אין די סטייטס.

2) לויט דער פאָראָרדנונג פון דער לעצטער קאָנווענשאָן, האָבען זיי נאָכאַמאָל דורכגעקוקט די בר. 600 אייזיקסאָן קיים און באַשלאָסען גוטצוהייסען די האַנדלונג פון דער עקזעקוטיוו און אומוואַרפען דעם באַשלוס פון דער פאָריגער נייִשאָנאַל באָארד אָוו דירעקטאָרס. די נאַצ. עקזעקוטיווע ווערט אויפגעפאָדערט אויסצוצאָהלען די קאָנסאָמפּשאָן בענעפיט צום בעטרעפענדען מעמבער.

3) די נייִשאָנאַל באָארד אָוו דירעקטאָרס טייטשט אויס, אַז אין פאַל די עקזעקוטיווע קומט צום שלוס, דאָס עס איז נויטיג פאַר א געוויסע צייט אָנצושטעלען אַן אָרגאַנייזער, אום דורכצופיהרען א באַשטימטען טייל פון די אויסנאַרבייטע פּלענער פון דעם אַגיטאַציאָנס קאַמפּיין, האָט זי דאָס רעכט פאַר דיזער צייט אָנצושטעלען אַ באַצאָהלטען מענשען, וועלכער זאָל דורכפיהרען דיזע טייל אַרבייט. די נ. ב. גלויבט ניט, אַז מיט דעם אויסדרוק אָנצושטעלען אַ באַצאָהלטען אָרגאַנייזער „פון צייט צו צייט", האָט מען געמיינט אַ באַשטימטען טערמין פון וואָכען אָדער מאָנאַטען. עס מיינט נאָר, אַז דער טערמין פון דעם באַצאָהלטען אָרגאַנייזער דאַרף זיך ענדיגען אַזוי שנעל, ווי די אַרבייט איז דורכגעפיהרט און עס זאָל זיך דערפון ניט ענטוויקלען קיין פּערמאַנענטער אָרגאַנייזער, און דאָס איז די עקזעקוטיוו קאָמיטע אַליין גענוג קאָמפּעטענט צו באַשטימען דעם גרענעץ.

—

פון בר. 60, סט. לואיס — וועגען דער קיים פון זייער פאַרשטאָרבענעם מעמבער, פר. פראַטקין. מיט אונגעפעהר 2

**שמאַכטען אין די פּריזאָנס -- ניט פאַר'ן מיליאָן דאָלאַר פאָנד.**

יאָהר צוריק האָט דער באַטרעפענדער אויסגעפילט אן אפּליקיישאָן אריינגענומען צו ווערען אין סאַניטאַריום. לויט דעם מעדיקאַל רעפּאָרט, האָט דער דזשענעראַל אָפּיס געלאָזט וויסען טעלעגראַפיש דעם ברענטש, אז דערווייל זאָל דער אַפּליקאַנט ניט פאָהרען אין סאַניטאַריום. דער בעטרעפענדער איז אָבער אין סאַניטאַריום יאָ געקומען און מען האָט איהם אין אייניגע טעג ארום געמוזט ארויסשיקען, ווייל ער איז ניט געווען קיין פּאַסענדע קייס פאַר'ן סאַניטאַריום. דער ברענטש האָט געפאָדערט אומצוקעהרען זיי $100 פאַר הוצאות, אַהין און צוריק, פון קראַנקען און פון א צווייטען מעמבער וואָס האָט איהם אָפּגעפיהרט, ערקלערענדיג, אַז אין דער טעלעגראַמע איז דאָס וואָרט „ניט” דורכגעלאָזען געוואָרען. זיי האָבען אָבער ניט די טעלעגראַמע דאָס צו בעווייזען. — די נאַצ. עקז. באַשליסט צו קרעדיטירען בר. 60 מיט $50 פאַר די אויסגאַבען פון איין פערזאָן פאָהרען אין ניויארק און צוריק, לויט די באַהן הוצאות פון יענער צייט.

*        *        *

פריינד יעלין בעריכטעט, אַז פר. זאַלצמאַן און ער זיינען געווען פאַרטראָטען ביי דער קאָ־אָפּעראַטיווער קאָנפערענץ, וואָס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין פּעטערסאָן דעם 29טען און 30־טען דזשון. עס זיינען געווען פערטראָטען 14 קאָ־אָפּעראַטיווע אָרגאַניזאַציאַנען דורך 32 דעלעגאַטען. אויך זיינען געווען 7 פראַטוירנאַל דעלעגאַטען. אַלע פאַרטרעטער האָבען באַריכטעט גוטע רעזולטאַטען. פון די רעפּאָרטס האָט זיך אַרויסגעצייגט, אַז די אַ. ר. ברענטשעס נעהמען איבעראַל אַן אקטיווען אַנטייל אין דער קאָ־אָפּעראַטיווער באַוועגונג.

פר. זאַלצמאַן זאָגט, אַז פאַקטיש האָט די קאָנפערענץ געהאַט דעם כאַראַקטער פון אַן אַ. ר. פאַרזאַמלונג. כמעט אַלע נאַציאָנאַלע קערפּערשאַפטען זיינען געווען פאַרטראָטען און עס איז זיכער געווען אַ גוטער שריט, וואָס די עקז. האָט געשיקט אַהין איהרע דעלעגאַטען. פון די באַריכטען איז געווען צו מערקען, אַז פיעלע קאָ־אָפּעראַטיווע אָרגאַניזאַציעס האָבען אָנפאַנגס געהאַט שוועריגקייטען צוליעב זייער אַנערפאַהרונג, אָבער יעצט האַלטען זיי זיך אין ענטוויקלען. די קאָנפערענץ האָט באַשלאָסען אַז אָרגאַניזאַציאָנען קענען זיך אָנשליסען מיט דיוס פון $3 א יאָהר, נאַציאנאַלע קערפּערשאַפטען זאָלען צאָהלען $10 א יאָהר. די פאַרטרעטער פון די אָנגעשלאָסענע קערפּערשאַפטען זאָלען זיין פולבארעכטיגטע דעלעגאַטען מיט שיטמרעכט. פר. זאַלצמאַן רעקאָמענדירט, אַז דער אַ. ר. זאָל זיך אָנשליסען אָן דער פעדעראַציע פון אידישע קאָ־אָפּעראַטיווען פון אַמעריקאַ. — זיין רעקאָמענדיישאָן ווערט אָנגענומען און דער בעריכט ווערט גוטגעהייסען.

---

## באַריכט פון מיליאָן דאָלאַר פאָנד קאָמיטע.

פר. עפּשטיין באַריכטעט, אַז די קאָמיטע האָט אָבגעהאַלטען עטליכע מיטינגען. אלס רעזולטאַט איז דעם 9טען דזשולאַי פעררופען געוואָרען אַ קאָנפערענץ פון אַלע ניויארקער ברענטשעס, וואו עס זיינען געווען פאַרטראָטען 87 ברענטשעס דורך אונגעפעהר 200 דעלעגאַטען. די קאָנפערענץ איז געווען זעהר אַ באַגייסטערטע און עס איז באַשלאָסען געוואָרען, אַז דער לאָזונג פון ארבייטער רינג זאָל זיין: צעהן טויזענד דאָלאַר פאַר'ן מיליאָן דאָלאַר פאָנד!

די קאָמיטע האָט אויך אויפגעהויבען די פראַגע וועגען שפּעטערדיגע ארבייט פאַר'ן רעליעף. קיין רעפיניטיווע בעשליסע זיינען ניט אָנגענומען געוואָרען. אין דער פּראָווינץ האָט די פיפעלס רעליעף שוין אָנגעפאַנגען אַ קאַמפּיין פאַר מעמבערשיפּ — פון דריי דאָלאַר און מעהר א יאָהר. אונזער קאָמיטע רעקאָמענדירט, אַז די מיטגליעדער פון אַ. ר. זאָלען אויפגעפאָדערט ווערען, דאָס אויב זיי פאַרשרייבען זיך אירגענדוואו פאַר'ן פיפעלס רעליעף, זאָלען זיי דאָס טון דורך אונזערע ברענטשעס.

נאָך א קורצער דעבאַטע ווערט דער רעפּאָרט גוטגעהייסען.

---

## באַריכט פון דער פּובליסיטי קאָמיטע.

פריינד וואָלאָס רעפּאָרטעט, אַז די פּובליסיטי קאָמיטע האָט געהאַט אַ מיטינג און זיך דורכגערעדט מיט פריינדע באַסקין און גאַליעבטער וועגען וויטערדיגע פּובליסיטע אַרבייט. זיי האָבען אויך אויסגעאַרבייט פּלענער פאַר די פּובליסיטי אין דער צייט פון קומענדען מעמבערשיפּ קאַמפּיין.

עס איז געווען אַן איינלאַדונג צו באַטייליגען זיך אין דעם פאַראַד פון 4טען דזשולאַי. די פּובליסיטי קאָמיטע האָט באַשלאָסען צו ענטפערן, אַז די נאַצ. עקז. קאָמיטע וועט ערשט מיטען דעם 1טען דזשולאַי און דארום קען קיין שטעלונג וועגען דעם ניט גענומען ווערען.

פר. פּ. לעווין, מיטגליעד פון בר. 1 און מעמבער פון פריהעריגע פאַרוואַלטענדע קאָמיטעס איז געשטאָרבען און זיי האָבען געמאַכט אַראַנדזשמענטס, אַז די מיטגליעדער פון דער איצטיגער און פריהערדיגע עקזעקוטיוועס זאָלען ביי דער לויה אַנוועזענד זיין.

דער רעפּאָרט ווערט גוטגעהייסען.

עס ווערט באַשלאָסען, אַז אין דער צוקונפט זאָל די קאָמיטע האָבען די אויפזיכט בלויז אויף פּובליסיטי אַרבייט, און פראַגען וועגען עפענטליכע אַרויסטרעטונגען זאָלען פון זיי בעשטימט ווערען צוזאַמען מיט די טשערלייט פון די דעפּאַרטמענט קאָמיטעס און דעם טשערמאַן פון דער עקזעקוטיוו.

---

דער טשערמאַן בעט די עקזעקוטיוו מיטגליעדער און אַלע אַנוועזענדע צו בעעהרען דעם פאַרשטאָרבענעם פריינד פּינקוס לעווין פון בר. 1 מיט אויפהויבען זיך פון די פּלעצער.

עס ווערט באַשלאָסען צו שיקען אַ טרייסט בריעף צו דער פאַמיליע פון פאַרשטאָרבענעם.

---

## רעפּאָרט פון דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע.

פריינד דינערשטיין, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז זיי האָבען אויסגעאַרבייט אַ גענויעם פּלאַן פאַר דעם מעמבערשיפּ קאַמפּיין:

אין מאָנאַט אָקטאָבער זאָל אָנגעפיהרט ווערען אַ קאַמפּיין פאַר אריינגעהמען צוריק די גשטראָכענע, פריי פון די שולדען, לויט דעם באַשלוס פון דער לעצטער קאָנווענשאָן.

אין מאָנאַט נאָוועמבער זאָל אָנגעפיהרט ווערען דער קאַמפּיין פאַר פרויען מעמבערס.

אין די מאָנאַטען דעצעמבער 1918 און יאַנואַר 1919 זאָל אָנגעפיהרט ווערען אַן אַלגעמיינער קאַמפּיין.

קיין ספּעציעלע טורס זאָלען דיזען יאָהר ניט געמאַכט ווערען, נאָר די קרעפטען פון אָרגאַניזאַציאָנס אַרבייט זאָלען קאָנצענטרירט ווערען ארום די גרעסערע שטעדט, ווי באַלטימאָרע, דעטראָיט, באָפאַלאָ, פילאַדעלפיאַ, קליוולאַנד, האַרטפאָרד אַ. ד. ג.

אויך זאָל אָנגעפיהרט ווערען אַן ענערגישער קאַמפּיין צווישען די יוניאָנס, דורך זייערע דזשאָינט און עקזעקוטיוו באָארדס.

מעמבערס, וואָס וועלען פאַרשלאָגען 5 אָדער מעהר נייע מיטגליעדער, זאָלען פּרעזענטירט ווערען מיט ביכער ארויסגעגעבען פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע.

יעדער ברענטש וואָס וועט אין צייט פון קאַמפּיין אריינגעהמען 25 אָדער מעהר נייע מעמבערס זאָל פּרעזענטירט ווערען מיט א שאַפּיראָגראַף.

עס איז אויך באַשטימט געוואָרען צו אַראַנזשירען געמיינשאַפטליך מיט דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע אייניגע גרויסע אונטערנעהמונגען, כדי צו מאַכען פּאָפּולער דעם מעמבערשיפּ קאַמפּיין.

די ברידזשפּאָרט דיסטריקט קאָמיטע האָט באַשטימט אָנצופיהרען אַ קאַמפּיין פאַר 500 נייע מיטגליעדער, — אין די מאָנאַטען אויגוסט, סעפּטעמבער און אָקטאָבער. ער (דינערשטיין) איז געווען פאַרטראָטען ביי זייער דיסטריקט קאָנפערענץ און זיי ערמוטיגט פאַר וויטערדיגער אַרבייט, פערזיכערענדיג, דאָס די עקזעקוטיוו וועט זיי אונטערשטיצען, וויפיעל עס וועט נאָר זיין מעגליך.

אַ גרופּע פון בר. 92, וואַשינגטאָן, איז מיט דער צושטימונג פון ברענטש ערלויבט געוואָרען זיך אָפּצוטיילען אלס בעזונדערע ברענטש. אַראַנדזשמענטס ווערען געמאַכט דיזען נייעם ברענטש צו א נסטאָלירען.

אין א געוויסען ברענטש אין קאָנעקטיקוט זיינען פאָרגעקומען שטרייטיגקייטען און ער (דינערשטיין) איז אהין געשיקט געוואָרען צו זעהן שליכטען די סכסוכים. מאנכע אין ברענטש האָבען אנגעדייטעט, אז מען דאַרף אָדער עטליכע טרעספּעדירען אָדער אַפּטיילען איין צד אין א באזונדערען ברענטש. די נאַצ. עקז. איז אין פּרינציפּ פאַר צוטיילען דעם ברענטש, אויב עס וועט זיין פון זיי אזא פאַרלאַנג. פאָרלויפיג, אָבער, איז באַשטימט געוואָרען קיין שטעלונג וועגען דעם ניט צו נעהמען.

עס זיינען אויסגעאַרבייט געוואָרען דייטס פאַר אַלע דיסטריקט קאָנפערענצען איבער'ן לאַנד, און עס איז באַשטימט געוואָרען אז די קאָנפערענצען אין די נאָהענטע שטעדט אַרום ניו יאָרק זאָלען בעזוכט ווערען פון פאַרטרעטער פון דער עקזעקוטיוו.

די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט באַשלאָסען אַנצוהאַלטען אַלע עקזיסטירענדע סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס, ניט אָפּהאַנגענדיג קיינע און ניט גרינדענדיג קיין נייע. עס איז אויך באַשלאָסען געוואָרען, אַז אין שטעדט, וואו ס'זיינען דאָ מעהר ווי 10 ברענטשעס, זאָל די צאָהל מעמבערס באַשטימט ווערען פון דער נאַצ. עקזעקוטיווע, און די פאַרטרעטערשאַפט זאָל ניט זיין לויט די ברענטשעס.

די נאַצ. עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט זיך צו זיי געווענדעט, דאָס אַזוי־ווי זיי ווילען גרינדען סאָב־עדיוקיישאָנאַל קאָמיטעס איבער'ן לאַנד, זאָל אין די צושריפטען וואָס ווערען ארויסגעשיקט פון אָפּיס געמעלדעט ווערען, אז ביי די סיטי און דיסטריקט קאָנפערענצען פון דער אָרג. קאָמיטע זאָלען אויך ערוועהלט ווערען סאָב־עדיוקיישאָנאַל קאָמיטעס. די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע שטיצט זיך דערויף, וואָס ביי אונזער לעצטער קאָנווענשאָן איז בעשלאָסען געוואָרען צו זעהן גרינדען סאָב־עדיוקיישאָנאַל קאָמיטעס איבער'ן לאַנד. די נאַצ. אָרג. קאָמיטע איז מיט דער מיינונג, אז עס וואָלט געווען ראַטזאַם צו ערוועהלען בלויז סיטי און דיסט. קאָמיטעס און דיזע זאָלען פון זיך ערוועהלען עדיוקיישאָנאַל קאָמיטעס. אַזוי־ווי עס איז דאָ א מיינונגספערשיעדענהייט וועגען דעם ביי די צוויי קאָמיטעס, איז באַשטימט געוואָרען צו ברענגען די פראַגע צו דער נאַצ. עקזעקוטיווע.

בר. 207 פון אטלאַנטא, דזשאָרדזשיא, האָט געבעטען צו שיקען א פאַרטרעטער צו זייער 10טען יעהרליכען יובילעאום, וואָס וועט געפייערט ווערען דעם 28טען דזשולאי. זיי האָבען ערקלערט אז זיי האָבען פאַר זייער אָרג. ארבייט די גאַנצע צייט ניט געקראָגען קיין דירעקטע שטיצע פון אָרגאַניזאַציאָנס פאָנד, און זיינען דאַרום בארעכטיגט, אז א מיטגליעד פון דער אָרג. קאָמיטע זאָל זיי באזוכען. ביי דער געלעגענהייט וואָלט דאָס זיי פיעל געהאָלפען אין שאַפען דעם פאָנד, וואָס זיי קלויבען פאַר א לייבאָר לייסעאום. די אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט אנדערע ברענטשעס אין די סאוטה, אום דער זעלבער פאַרטרעטער זאָל קענען באזוכען נאָך עטליכע שטעדט פאַר אָרגאַניזאַציאָנס ארבייט; אָבער כמעט אַלע ברענטשעס האָבען פאַרלאַנגט, אז דער פאַרטרעטער זאָל זיין ביי זיי שבת אָדער זונטאג. אויף אזא אופן איז אונמעגליך געווען צו באַוויליגען דעם פאַרלאַנג פון ברענטש 207.

די נאַצ. אָרג. קאָמיטע איז מיט דער מיינונג, אז אַנשטאַט אָנשטעלען א באַצאָהלטען אָרגאַניזער פון צייט צו צייט, זאָל מען זיך בעסער באַנוצען מיט מיטגליעדער פון דער עקזעקוטיוו, וועלכע זיינען בעסער באַקאַנט מיט די טאָג־טעגליכע אָרגאַניזאַציאָנס פראַגען פון ארבייטער רינג.

עס איז באַשטימט געוואָרען צו אַנאָנסירען, אז אויב צוויי ברענטשעס ווילען זיך פאַראייניגען, זאָלען זיי פריהער זיך ווענדען צום אָפּיס איידער די פאַראייניגונג ווערט געמאַכט, כדי מען זאָל קענען אונטערזוכען, אויב די פאַראייניגונג איז א גינסטיגע און פּאַסענדע פאַר ביידע ברענטשעס.

—

עס ווערט באַשלאָסען בעאויפטראַגען דעם אָפּיס צו לאָזען וויסען די דיסטריקט קאָנפערענצן, אז אויב זיי געפינען פאַר נויטיג צו גרינדען באַזונדערע סאָב־עדיוק. קאָמיטעס, זאָלען זיי אַזעלכע ערוועהלען.

באַריכט פון דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע ווערט דאַן גוטגעהייסען.

## סעקרעטער'ס רעפּאָרט.

פריינד באַסקין, דזשענעראַל סעקרעטער, בעט צו ערוועהלען א צעהלער קאָמיטע פאַר די קאָנווענשאָן רעפערענדום באַלאָטס. ער מאַכט אויפמערקזאַם, אז עס איז נויטיג דאָס די עקזעקוטיוו זאָל באַשטימען, אויב דער פונקט וועגען אריינגעהמען נייע מעמבערס ביז 45 יאָהר, אַנשטאַט ביז 40 ווי בעפאָר, זאָל אריין אין קראַפט באַלד ווי דער רעפערענדום איז געשלאָסען געוואָרען.

דער אָנפאַנג פון קאַמפּיין פאַר נייע מעמבערס איז א גאַנץ ערפרעהענדער. אין 71טען קוואַרטאַל איז געווען א נעט צואוואוקס פון 1284 מעמבערס.

לויט די רעפּאָרטס וואָס די ברענטשעס האָבען ביז יעצט צוגעשיקט האָבען מיר אַרום 1500 געדרעפּטעטע מיטגליעדער. דער ספּעשעל טעקס צו דעקען זייערע דיוס וועט זיין גענוג, ווען אפילו מיר וועלען האָבען 2000 געדרעפּטעטע.

אין אָפּיס איז ביז איצט רעפּאָרטעט געוואָרען וועגען דריי טויטען פעלע פון אונזערע געדרעפּטעטע מעמבערס.

פר. באַסקין ערקלערט, אז ער האָט זיך דורכגערעדט מיט אונזער ליגעל אדווייזער, מאיר לאָנדאָן, און עס זיינען אויסגעאַרבייט געוואָרען די פּלענער, ווי אַנצוגעהן מיט דער ארבייט פון לעגאַליזירען דעם ארבייטער רינג אין אַלע סטייטס. עס ווערען צוגעגרייט קאָפּיעס פון אונזער טשאַרטער, ווי אויך קאָפּיעס פון דעם ניו יאָרק קאָמישאָנער אָוו אינשורענס רעפּאָרט וועגען דעם צושטאַנד פון ארבייטער רינג. אַזוי שנעל ווי דאָס וועט פערטיג ווערען, וועט מען זיך קענען שטעלען אין פאַרבינדונג מיט אַלע סטייטס.

אין פערלויף פון 70טען קוואַרטאַל איז אויסגעצאָהלט געוואָרען קראַנקען בענעפיט $41,301, קאָנסאַמפּשאָן בענעפיט $3,678,16, טויטען בענעפיט $16,700.00. סך הכל $61,679.16.

אין פערלויף פון 71טען קוואַרטעל איז אויסגעצאָהלט געוואָרען קראַנקען בענעפיט $39,867, קאָנסאַמפּשאָן בענעפיט $4,600, טויטען בענעפיט $13,900. סך הכל $58,337.

ער גיט אָן פאָלגענדע בודזשעטען פאַר'ן מאָנאַט דזשולאַי:

| | |
|---|---|
| אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע — — — | $400.00 |
| אדמיניסטריישאָן פאָנד — — — — | 3,700.00 |
| עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע — — — | 300.00 |
| „פריינד" פאָנד — — — — — | 1,000.00 |
| סאַניטאַריום קאָמיטע — — — — | 6,000.00 |

סעקרעטער'ס רעפּאָרט ווערט גוטגעהייסען.

## קאָמיטעס.

פון ליבערטי דרעסמאַנס יוניאָן — פר. סלאָנימסקי ערקלערט, אז די קערפערשאַפט פאַררופט א קאָנפערענץ אויף דעם 31טען דזשולאי און 1טען אויגוסט. ער דייטעט אָן, אז דער עספּיאָנאַזש געזעץ האָט פּאַראַליזירט, דאָס הונדערטע און הונדערטע זיינען ארעסטירט אָדער שטעהען אונטער געריכט, — ווי דעבס, סקאָט ניערינג, ראָוז פּאַסטאָר סטאָוקס א. ד. ג. — עס איז דאַרום נויטיג צו שאַפען א פאַרטיידיגונגס פאָנד און העלפען אויף א געזעצליכען אופן די אַלע אנגעקלאָגטע. די גרויסע ארבייטער אָרגאַניזאַציאָנען און די ארבייטער באַוועגונג בכלל דאַרף אין דעם זיין פּאַראינטערעסירט. ער בעט, אז די נאַצ. עקזעקוטיוו זאָל ערוועהלען דעלעגאַטען צו דער קאָנפערענץ און אויפפאָדערען די אַ. ר. ברענטשעס פון גרייטער ניו יאָרק זיך צו באַטייליגען.

עס ווערט באַשלאָסען צו באַוויליגען זייער פאַרלאַנג און שיקען 2 דעלעגאַטען צו דער קאָנפערענץ. אַלס דעלעגאַטען ווערען ערוועהלט פריינדע עפּשטיין און וואָלאָס.

עס ווערט אויך באַשלאָסען אויפצופאָדערן אונזערע ניו יאָרק ברענטשעס דורכ'ן „פאָרווערטס" צו באַטייליגען זיך אין קאָנפערענץ.

—

גענ. מ. לולאָוו פון דער 15נער קאָמיטע, וואָס איז ערוועהלט געוואָרען ביי דער ניו יאָרק קאָנפערענץ פון אַ. ר. צו

העלפען שאפען דעם מיליאָן דאָלאַר פאָנד, פרעגט צו די קאָמיטע וועט ארבייטען געמיינשאפטליך מיט דער עקזעקוטיוו פון ארבייטער רינג.

דער טשערמאַן ערקלעהרט איהם, אז די סאָב־קאָמיטע פון דער עקזעקוטיוו וועגען מיליאָן דאָלאַר פאָנד וועט ארבייטען צוזאמען מיט דיזער 15נער קאָמיטע.

* * *

אלס קאָמיטע צו צעהלען די קאָנווענשאָן רעפערענדום באלאָטס ווערען ערוועהלט פריינדע וואָלאָווין און פריימאַן.

עס ווערט באשלאָסען צו האָבען אַ פאָרטזעצונג פון דעם מיטינג מאָנטאג אבענד, דעם 22טען ד. מ.

* * *

א פאָרטזעצונג פון דעם מאָנאַטליכען מיטינג פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמ. ווערט אָפּגעהאַלטען מאָנטאג אבענד, דעם 22טען דזשולאי, מיט פריינר אב. עפשטיין אלס טשערמאַן.

—

צושריפטען.

פון הארטפאָרד אַרב. רינג. קאָ־אפּעראַטיווע בעקעריי — לאַדען איין צו שיקען א פארטרעטער צו דעם 1טען־יעהרליכען יובילעאום פון דער בעקעריי, וואָס וועט געפייערט ווערען דעם 28טען דזשולאי. באַשלאָסען צו באַווילינגען. ערוועהלט פר. דראַפּקין.

—

פון פיונעראל קאָנטראָל קאָמיטע — מעלדען, אז זיי האָבען גוטגעהייסען דעם באַשלוס פון סעמעטערי דעפּאַרטמענט צו ווענדען זיך צו דער עקזעקוטיוו, דאָס א טייל פון דעם 10 סענט טעקס פאר די געדרעפּטעטע מעמבערס זאָל אָנגעווענדעט ווערען צו דעקען די קרעדיטס וואָס די ברענטשעס פארלאַנגען פון סעמעטערי דעפּאַרטמענט פאר דיזע מיטגליעדער. באַשלאָסען גוטצוהייסען זייער פארלאַנג.

—

רעפּאָרט פון דער בענעפיט קאָמיטע.

פריינד ל. ראָטהמאַן, טשערמאַן פון דער בענעפיט קאָמיטע, באַריכטעט, אז די מעדיצינישע אונטערזוכונג פון נייע קאַנדידאַטען צו 50 סענט ווערט אָפּגעהאַלטען צוויי מאָל א וואָך אין אָפיס פון ארבייטער רינג: יעדען מאָנטאג אבענד מיט דר. מעריסאָן אלס עקזאַמינער און יעדען פרייטאָג אבענד מיט דר. קלימענקאָ אלס עקזאַמינער. א ספּעציעלע קאָמיטע איז אַפּוינטעט געוואָרען אַנוועזענד צו זיין ביי אלע אונטערזוכונגען.

די בענעפיט קאָמיטע האָט געהאַט א קאָנפערענץ מיט די ברענטשעס פון וויליאַמסבורג וועגען מאַכען אַראַנדזשמענטס מיט דר. ראַכלין צו אונטערזוכען נייע קאַנדידאַטען אין וויליאַמסבורג עדיוקיישאָנאַל עלייענס, איין אבענד א וואָך, צו 50 סענט.

מיט א געוויסער צייט צוריק איז צוריקגעוויזען געוואָרען די בענעפיט פאַר א מעמבערין פון בדענטש 181. די דאָקטוירים זיינען געווען מיט דער מיינונג, אז זי איז ניט באַרעכטיגט צו קיין בענעפיט, ווייל דאָס איז א רעזולטאַט פון זויגען איהר קינד און פאָלגליך איז דאָס א פרויען קראַנקהייט. דער ברענטש האָט נאָכאמאָל אַפּעלירט צו דער בענעפיט קאָמיטע און די קייס איז איבערגעגעבען געוואָרען צו דער מעדיקאַל אַדווייזאָרי באָארד. די לעצטע איז אויך געווען מיט דער מיינונג, אז די באַטרעפענדע איז צו קיין בענעפיט ניט באַרעכטיגט און עס איז באַשטימט געוואָרען צו בלייבען ביים פריהערדיגען באַשלוס.

אום צו האָבען א קלאָהרען באַגריף ווי די ברענטשעס קאָנטראָלירען די בענעפיט, איז אַרויסגעשיקט געוואָרען א צושריפט צו די האָספּיטעלער מיט פאָלגענדע פראַגען צו ענטפערען:

1) וויפיעל קאָמיטעס א וואָך שיקט איהר צו א קראַנקען? 2) נוצט איהר די פּאָסטאַל קאַרדס פון אָפיס, אָדער האָט איהר אייגענע געדרוקטע בריעף? 3) אויב איהר נוצט ניט די פּאָסטאַל קאַרדס פון אָפיס, האָט איהר דופּליקייטס פון אייערע לעטערס וואָס איהר שיקט צו די קאָמיטעס? 4) ווען א מעמבער מעלדעט זיך קראַנק, באַזוכט איהר איהם אליין, אָדער איהר שיקט בלויז קאָמיטעס? 5) האָט אייער ברענטש א באַשלוס צו שטראַפירען קאָמיטעס פאַר ניט אַטענדען צו קראַנקע? אויב יאָ, וואָס איז די שטראָף? ווערט דאָס דורכגעפיהרט? 6) זייט איהר פערזענליך צופרידען מיט דער ארט און ווייזע ווי די סיק בענעפיט ווערט קאָנטראָלירט אין אייער ברענטש? 7) גיט אייער מיינונג וועלכע אויסבעסערונגען בכלל וואָס קענען געמאַכט ווערען אום בעסער צו קאָנטראָלירען די סיק בענעפיט אין אייער ברענטש. 8) האָט אייער ברענטש לאָקאַלע בענעפיט און וויפיעל? 9) אויב איהר האָט לאָקאַלע בענעפיט, פון וועלכע וואָך פון זיין קראַנקהייט איז ער באַרעכטיגט דערצו?

די ענטפערס אויף די פראַגען וועלען נאָכהער קלאַסיפיצירט ווערען און עס וועלען אויך גענומען ווערען אין אָנבאַטראַכט די רעקאָמענדיישאָנס פון די האָספּיטעלער.

באַריכט פון דער בענעפיט קאָמיטע ווערט גוטגעהייסען.

—

רעפּאָרט פון דער אָפיס קאָמיטע.

פריינד דייווידאָף, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אז אין בר. 201 האָט א געוויסער מעמבער, וואָס איז מיט אַ צייט צוריק געשטראָכען געוואָרען, זיך ווידער פאָרגעשלאָגען. אזוי ווי זיין רעקאָרד האָט געצייגט, אז ער האָט געקראָגען בענעפיט אויף לאָמבעגאָ, רהומאַטיזם, א. ד. ג. און ביי דער מעדיצינישער אונטערזוכונג האָט ער דעם דאָקטאָר געזאָגט, אז ער איז קיינמאָל ניט קראַנק געווען, איז ער פון אָפיס צוריקגעוויזען געוואָרען. דער ברענטש האָט אַפּעלירט און עס איז באַשלאָסען געוואָרען צו געבען דעם באַטרעפענדען א ספּעשעל עקזאַמינײשאָן, אין אָפיס, פון צוויי דאָקטוירים, און דאַן האַנדלען.

א געוויסער מעמבער עט לאַרדזש איז געשטראָכען געוואָרען אין 68טען קוואַרטאַל. ער האָט ערקלעהרט, אז ער איז געווען אין מעקסיקאָ און פאַרגעסען צו מאַכען זיין איינצאָהלונג, ער האָט דאַרום געבעטען צו רעאינסטייטען איהם אלס אַן אַלטען מעמבער. זיין רעקאָרד האָט געצייגט, אז ער איז געווען 13 יאָהר א מעמבער און קיין בענעפיט ניט געצויגען. ער איז געשיקט געוואָרען צו א מעדיצינישער אונטערזוכונג און אויפ׳ן ראַטה פון דאָקטאָר איז באַשלאָסען געוואָרען איהם צו רעאינסטייטען.

פר. קאָהן, פון אווידיטינג דעפּאַרטמענט, האָט פאַרלאָזען דעם אַרבייטער רינג אָפיס און אַרבייט יעצט אויף אַן אנדער פּלאַץ. פר. באַסקין רעקאָמענדירט אָנצושטעלען א צווייטען אויף דעם פּלאַץ.

עס זיינען אויסגעאַרבייט געוואָרען פערטעל־יעהרליכע רעפּאָרטס, וואָס די ברענטש סעקרעטערע וועלען דאַרפען אויספילען און צושיקען אין אָפיס, און דאָס וועט געבען דעם אווידיטינג דעפּאַרטמענט א באַגריף וועגען דעם פינאַנציעלען צושטאַנד פון די ברענטשעס. דער פאָרם פון רעפּאָרט איז אויסגעאַרבייט געוואָרען פון פר. איוועונסקי, נאָכהער אונטערזוכט געוואָרען פון פריינדע באַסקין און פריימאַן און גוטגעהייסען געוואָרען פון דער גאַנצער קאָמיטע. דאָס ערשטע מאָל וועלען די רעפּאָרטס זיין פאַר א האַלב יאָהר.

באָנדס זיינען געקויפט געוואָרען אויף דער סומע פון 35 טויזענד דאָלאַר.

דער סטייט אינשורענס דעפּאַדטמענט האָט פאַרלאַנגט, אז מען זאָל איהם צושיקען א ליסט פון די טויטען קליימס, וועמעס בענעפישערים זיינען אין דייטשלאַנד אָדער עסטרייך. מען האָט זיי געענטפערט, אז א ליסט פון די אלע קליימס איז איבערגעגעבען געוואָרען צום „עליען פּראָפּערטי קאַסטאָדיען".

די אָפיס קאָמיטע האָט באַשלאָסען, אז די 22 זייטען פון טאַבעלען, וואָס זיינען אויסגעאַרבייט געוואָרען פון אונזער סטאַטיסטישען דעפּאַדטמענט, זאָלען געדרוקט ווערען אין „פריינד".

עס איז באַשלאָסען געוואָרען צו העכערען די שכירות פון די אָנגעשטעלטע אין אָפיס פון 2 ביז 3 דאָלאַר א וואָך.

פאר מאנכע קענעדער טשעקס האבען די ביינק גערעכענט פון 3 ביז 8 דאלאר פאר קאלעקשאן. עס איז דארום באשלאסען געווארען אויפצופאדערען אונזערע קענעדער ברענטשעס, אז אין דער צוקונפט זאלען זיי מאכען זייערע צאהלונגען דורך מאני ארדערס.

דער אינשורענס דעפארטמענט פון ניו יארק סטייט האט אויף אונזער פארלאנג אונטערזוכט די ביכער פון ארבייטער רינג. אין דעם רעפארט וועגען דער אונטערזוכונג פון די ביכער האט דער קאמישאנער אוו אינשורענס באשטעטיגט, אז צום 1טען יאנואר 1918 האט דער א. ר. פארמאגט 99.84 פראצענט פון זיין גאנצער סומע אינשורענס. ער האט אויך צווישען אנדערעס געזאגט, אז עס איז וואונדערבאר, ווי אונזער ארגאניזאציאן איז שטענדיג און סיסטעמאטיש געוואקסען.

דער מיילינג קלוירק, מר. העלמאן, איז גדערפעטעט געווארען. צו זיין וועקגעהן האט די אפיס קאמיטע איהם אויסגעצאהלט פאר דריי וואכען וואקיישאן.

א נייער אידישער טייפרייטינג מאשין איז געקויפט געווארען פאר 135 דאלאר. די קאמפאניע האט געוואלט אוועקנעהמען דעם אלטען מאשין פאר 40 דאלאר, נאר עס איז באשלאסען געווארען בעסער צו האלטען איהם אין אפיס און אויסנוצען פאר „סטענסילס”, א. ד. ג.

די פראטאקאל־ביכער און שרייב געצייג, וואס זיינען געשיקט געווארען אין פיטסבורג צו דער קאנווענשאן, זיינען צוריקגעקומען אין אפיס דעם 19טען דזשון.

אין א געוויסען ברענטש איז א מעמבער קראנק געווארען אויף א ווענערישע קראנקהייט. ווען יענער איז געווען אין האספיטאל, האט איהם דער ברענטש געשטראכען, ניט קוקענדיג דערויף, וואס ער איז דאמאלט געווען בארעכטיגט צו קראנקען בענעפיט. דער באטרעפענדער האט זיך באקלאגט געגען דער האנדלונג פון ברענטש. די אפיס קאמיטע האט די פראגע אונטערזוכט און בעאויפטראגט דעם מעמבער צו רעאינסטייטען.

עס איז באשלאסען געווארען צו אדווערטייזען עטליכע מאל אין די „קאלל” די צאהל פון אונזערע גדערפעטעטע מעמבערס. די „קאלל” וועט האבען א ספעציעלע פיידזש פון אזעלכע אדווערטייזמענטס פון אלע ארבייטער ארגאניזאציאנען.

די אפיס קאמיטע האט באשלאסען, דאס באנדס פון די ברענטשעס זאלען געהאלטען ווערען אין א באזונדערען „וואלט”; די ברענטשעס זאלען דערפאר ניט געטשארדזשעט ווערען. דער ברענטש וועט דארפען אפיציעל באשליסען פאר וויפיעל באנדס זיי גיבען איבער דעם אפיס צו האלטען און צושיקען די באנדס מיט אן אפיציעלען קרעדענשעל. אויף ארויסצונעהמען די באנדס וועט דער ברענטש דארפען באשליסען ביי א ספעשעל מיטינג און פאדערען זיי צוריק פון אפיס דורך אן אפיציעלען קרעדענשעל. אין אפיס וועלען אויך איינגעפירט ווערען ספעציעלע קארדס און רעסיט ביכער, ווי דאס צו קאנטראלירען.

פריינד דייווידאף גיט איבער, אז די מיטינגען פון דער אפיס קאמיטע וועלען אפגעהאלטען ווערען מיטוואך אבענד, אנשטאט דאנערשטאג.

נאכדעם ווי עס ווערען געשטעלט איינינע פראגען ווערט דער רעפארט גוטגעהייסען.

—

### רעפארט פון דער סאניטאריום קאמיטע.

פריינד ד. גוסקין, טשערמאן פון דער קאמיטע, באריכטעט, אז דער בוך־קיפער פון סאניטאריום איז גדערפעטעט געווארען און אויף זיין פלאץ איז אנגעשטעלט געווארען א צווייטער, וועלכער איז א גוטער, ערפאהרענער בוך־קיפער.

די פריהעריגע מייטראן איז אוועקגעשיקט געווארען און אויף איהר ארט איז ווידער אנגעשטעלט געווארען מרס. מיללער, וועלכע איז מיט א געוויסער צייט צוריק געווען די מייטראן אין אונזער סאניטאריום.

עס איז באשטימט געווארען מיט דר. ראזענבערג, אז אלע טאג זאל אויסגעהאנגען ווערען א מעניו, אום די פאציענטען זאלען וויסען, וואס עס וועט סערווירט ווערען.

אויף דעם פלאץ פון „ארטיזיען וועלל” איז אויפגעבויט געווארען א שעהנער פאווילאן.

עס איז באשטימט געווארען צו קויפען „וואסער־קולערס” פאר די 4 „לען־טוס”.

אויך איז באשלאסען געווארען אוועקצושטעלען אן אמעריקאנער פלעג אויף די גראונדס פון סאניטאריום.

פר. גוסקין ערקלעהרט, אז עס זיינען דא איינינע אפליקיישאנס פון פרויען פון לייבאר ליעג מעמבערס אריינגענומען צו ווערען אלס באצאהלטע פאציענטען. די סאניטאריום קאמיטע וויל הערען די מיינונג פון דער עקזעקוטיוו וועגען דער פראגע.

פאציענט סאשינסקי, פון בר. 119, וועלכער האט אויפגעזיכט איבער דער ביבליאטעק פון סאניטאריום, האט זעהר פיעל מיטגעהאלפען ביים איבערמופען די לייברערי אויף א צווייטען פלאץ. די סאניטאריום קאמיטע האט איהם פרעזענטירט מיט א בוך פאר זיין איבערגעבענהייט.

דער „עקס־רעי” מאשין האט לעצטענס ניט געארבייט. דר. שולין פון ניו יארק איז ארויסגעשיקט געווארען אין סאניטאריום און געפיקסט די מאשין. עס זיינען באלד גענומען געווארען „עקס־רעי” פיקטשורס פון איינינע פאציענטען.

דעם קאטעדזש פאר'ן דאקטאר'ס וואהנונג איז באשלאסען געווארען פארלויפיג ניט צו בויען, ווייל די פרייז פון ארבייט און בוי־מאטעריאל איז יעצט צו הויך. עס איז דערוויילע באשטימט געווארען צו פארגרעסערען די קיך.

די אונטערנעהמונג וואס איז געגעבען געווארען אין אונזער סאניטאריום זונטאג, דעם 21טען דזשולאי, פאר'ן בענעפיט פון לאס אנדזשעלעס סאניטאריום, איז געווען א פינאנציעלער ערפאלג. עס זיינען געווען ארום 4000 טויזענד באזוכער.

בר. 14, פראווידענס, האט צוגעשיקט 20 דאלאר וואס זייער מעמבער, פריינד דזש. אוגוסט, האט בייגעשטייערט צום סאניטאריום פאנד. אן אויסדרוק פון דאנק איז צום מעמבער געשיקט געווארען דורכ'ן ברענטש.

פריינד גוסקין גיט איבער, אז די מיטגליעדער פון דער סאניטאריום קאמיטע האבען באזוכט דעם בעדפארד סאניטאריום און האבען זיך באקענט מיט איינינע סיסטעמען, וועלכע וועלען אויך קענען איינגעפירט ווערען אין אונזער סאניטאריום.

—

די נאצ. עקזעקוטיווע באשליסט, אז פרויען פון לייבאר ליעג מעמבערס זאלען אריינגענומען ווערען אלס באצאהלטע פאציענטען אויף די זעלבע פריווילעגיען פון די באצאהלטע פאציענטען פון ארבייטער רינג.

רעפארט פון דער סאניטאריום קאמיטע ווערט דאן גוטגעהייסען.

—

### רעפארט פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע.

פריינד צוויון, טשערמאן פון דער קאמיטע, באריכטעט, אז עס איז באשלאסען געווארען צו גרינדען אין ניו יארק אן איינלייטער־קלאס, אום צו ענטוויקלען רעדנער און דעבאטאנטען פאר די ברענטשעס פון ארבייטער רינג. דיזע איינלייטער וועלען אויך העלפען אויפלעבען די אפגעשטאנענע ברענטשעס.

זיי האבען אויך באשטימט צו גרינדען סאב־עדיוקיישאנאל קאמיטעס איבער'ן לאנד און דיזע זאלען ערוועהלט ווערען ביי ד' דיסטריקט קאנפערענצען פון דער ארגאניזאציאנס קאמיטע.

די עדיוקיישאנאל קאמיטע מאכט אראנדזשמענטס פאר דער נייער אויסגאבע פון ביכער. אויסער די 3 טיילען פון פאליטישער עקאנאמיע, פיזיאלאגיע און געאלאגיע, וועט זיין א בוך איבער דער קא־אפעראטיווער באוועגונג, א פאפולערע כעמיע, א. ז. וו. באזונדער וועט ארויסגעגעבען ווערען א לעהר־בוך פאר קינדער, צוזאמענגעשטעלט פון אלגין.

זיי האבען באשלאסען צו באווילינען 35 דאלאר א מאנאט פאר די דירינגענטען פון א. ר. סימפאניע און מאנדאלין ארקעסטערס, אויך אויסצוצאהלען די 100 דאלאר פאר די אויסגאבען, וואס דער ארקעסטער האט געהאט ביז איצט.

די עדיוקיישאנאל קאמיטע האט געהאט א געמיינשאפטליכען מיטינג מיט דעם א. ר. כאר און אריינגעטראגען מעהר הארמאניע צווישען די מיטגליעדער פון כאר.

זיי האבען באשלאסען צו שאפען ביכער און זשורנאלען פאר די אידישע סאלדאטען און אין אלגעמיין זעהן אנפירען עדיוקיישאנאל ארבייט צווישען די אידישע סאלדאטען אין די קעמפס, אויף וויפיעל דאס וועט זיין מעגליך.

פר. צבִיון ערקלערט, אז די רעקאמענדיישאן פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע איז, דאס די 22 זייטען פון טאבעלען זאלען געדרוקט ווערען באזונדער אין צוויי טויזענד עקזעמפלארען און אלס ביילאגע צום „פריינד" פארנאנדערגעשיקט ווערען צו אלע סעקרעטערע און אויך צו איינצעלנע מעמבערס, וואס ווען די טאבעלען פארלאנגען. ער דייטעט אן, אז דרוקען די טאבעלען אין „פריינד", וואלט געווען אן עקסטרא אויסגאבע פון עטליכע הונדערט דאלאר.

עס ווערט באשלאסען צו האנדלען וועגען דעם רעפארט פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע ביים נעקסטען מיטינג. דערוויל אבער ווערט באשטימט גוטצוהייסען דאס אויסצאהלען פון די 100 דאלאר צום א. ר. ארקעסטער.

—

עס ווערט באשלאסען צו שיקען א פערטרעטער צו דער טאמאס מוני הירינג. וואס וועט אפגעהאלטען ווערען אין וואשינגטאן דעם 29טען דזשולאי. פר. עפשטיין, וועלכער איז געשיקט פון דער נאצ. ארגאניזאציאנס קאמיטע צו זיין אין באלטימאר דעם 28טען דזשולאי, ווערט בעאויפטראגט צו פארטרעטען די נאצ. עקזעקוטיוו ביי דער מוני הירינג.

* * *

עס ווערט באשטימט צו האבען א פארטזעצונג פון דעם מיטינג דינסטאג אבענד, דעם 30טען ד. מ.

---

**א פארטזעצונג פון דעם מיטינג פון דער נאצ. עקזעקוטיוו קאמיטע ווערט אפגעהאלטען דינסטאג אבענד, דעם 30טען דזשולאי, מיט פר. אב. עפשטיין אלס טשערמאן.**

## רעפארט פון דער גריוועגס קאמיטע.

פר. וויינבלאט, טשערמאן פון דער קאמיטע, ערקלעהרט, אז לעצטען מאנאט האט ער רעפארטעט וועגען אן אפיעל פון א מעמבער געגען זיין ברענטש אין צוזאמענהאנג מיט א טשעק וועגען $21.50 (זעה לעצטען נומער „פריינד").

דער ברענטש האט געבעטען נאכאמאל צו עפענען די קייס, מאטיווירענדיג, דאס זייער פארטרעטער איז ניט ערוועהלט געווארען אפיציעל ביים מיטינג. די גריוועגס קאמיטע האט געשיקט א פארטרעטער צום ברענטש אויסצוהערען, אויב עס זיינען דא אנדערע טענות, ווי די וואס זיינען אנגעגעבען געווארען. עס האט זיך ארויסגעצייגט, אז קיין נייע באווייזע האט דער ברענטש ניט געהאט און די גריוועגס קאמיטע האט באשטימט צו בלייבען ביי איהר פריהעריגען באשלוס. דער ברענטש האט פארקלאגט די גריוועגס קאמיטע צו דער נייישאנאל באארד אוו דירעקטארס.

דער רעפארט ווערט גוטגעהייסען.

---

## רעפארט פון רעפערענדום צעהלער קאמיטע.

פר. פריימאן באריכטעט, אז פר. וואלאוויץ און ער האבען געצעהלט די קאנווענשאן רעפערענדום באלאטס. 336 ברענטשעס האבען אריינגעשיקט די באלאטס. די באלאטס פון בר. 186 און בר. 399 זיינען ניט געצעהלט געווארען, ווייל זיי זיינען געווען אהן דעם זיעגעל פון ברענטש. די באלאטס פון ברענטשעס 88, 348, 513 און 559 זיינען אויך ניט געצעהלט, ווייל זיי זיינען אריינגעקומען אין אפיס נאכדעם ווי דער רעפערענדום איז געווען געשלאסען. דער רעזולטאט פון דער רעפערענדום אבשטימונג איז ווי פאלגט:

1. קאנסאמפשאן בענעפיט און סאניטאריום: א) זאל קאנסאמפשאן בענעפיט געהעכערט ווערען? דאפיר 5506, דאגעגען 422; ב) קאנסאמפשאן בענעפיט זאל געצאהלט ווערען $150 — 2698, $200 — 3118; ג) אויב די העכערונג פון קאנכאמפשאן בענעפיט זאל דורכפאלען, זאל דער סאניטאריום אויפהאלטונגס פאנד געהעכערט ווערען מיט 5. סענט א קווארטאל? דאפיר 4011, דאגעגען 1035; ד) מעמבערס, וועלכע ווערען קראנק אויף קאנסאמפשאן נאך 6 מאנאט און בעפאר א יאהר, זאלען זיין בארעכטיגט צו סאניטאריום נאכדעם, ווי זיי וועלען זיין מעמבערס א יאהר, אומקעהרענדיג צום סאניטאריום דעם קאנסאמפשאן בענעפיט, וואס זיי האבען באקומען, דאפיר 4731, דאגעגען 847.

2. עדיוקיישאנאל ארבייט: א) זאל דער בודזשעט פאר דער עדיוקיישאנאל ארבייט פארגרעסערט ווערען? דאפיר 3106, דאגעגען 2145; ב) דער בודזשעט פאר עדיוקיישאנאל ארבייט זאל זיין $5000 — 2813, 6000 — 1525; ג) זאל ארויפגעלעגט ווערען א טעקס אויף די מעמבערס פאר אידישע ארבייטער רינג שולען? דאפיר 3333, דאגעגען 1854; ד) א טעקס פאר א. ר. שולען זאל ארויפגעלעגט ווערען אויף יעדער מעמבער, פער קווארטאל 1 סענט — 1974, 2 סענט — 2186.

3. ארגאניזאציאנס ארבייט: א) דער בודזשעט פאר ארגאניזאציאנס ארבייט זאל אפגעשאפט ווערען און די ארגאניזאציאנס קאמיטע זאל זיך קענען באנוצען מיט דעם גאנצען ארגאניזאציאנס פאנד, וועלכער באשטעהט פון 3 סענט א קווארטאל פער מעמבער, דאפיד 3567, דאגעגען 1298; ב) די סיטי און דיסטריקט קאמיטעס זאלען אפהאלטען קאנפערענצען צו רעפארטען פון זייער טעטיגקייט ווענינגסטענס איין מאל אין 6 מאנאט, דאפיר 4583, דאגעגען 215.

4. געשטראכענע מעמבערס: א) געשטראכענע מעמבערס, וועלכע זיינען אויסער דעם ארבייטער רינג איבער 2 יאהר זאלען קאנען אריינגענומען ווערען אלס נייע מעמבערס און ניט דארפען באצאהלען די אלטע שולדען צום ברענטש, חוץ שולדען פאר לאאנס אדער פאר טיקעטס, דאפיר 5287, דאגעגען 557; ב) אלע געשטראכענע מעמבערס פון א. ר. זאלען קאנען אריינגענומען ווערען אלס נייע מעמבערס אין די מאנאטען אקטאבער, נאוועמבער און דעצעמבער 1918, און יאנואר 1919, און ניט דארפען באצאהלען די אלטע שולדען צום ברענטש, חוץ שולדען פאר לאאנס אדער טיקעטס, דאפיר 5280, דאגעגען 655.

5. נייע מעמבערס; א) נייע מעמבערס זאלען קאנען אריינגענומען ווערען אין עלטער ביז 45 יאהר, און זאלען דארפען האבען ספעשעל עקזאמינייששאן און זאלען צאהלען די פולע „רייטס" גלייך פון זייער אויפנאהמע אלס מעמבערס, דאפיד 5656, דאגעגען 368.

6. קאנווענשאן: די 19טע-יעהרליכע קאנווענשאן זאל געהאלטען ווערען אין, דעטראיט מישיגען — 4207, פראווידענס, ר. א. — 2199.

7. נעשאנאל באארד אוו דירעקטארס: א) זאלען די ריילראוד-קאסטען פאר די נ. ב. אוו ד. געהעכערט ווערען? דאפיר 3213, דאגעגען 1357; ב) די ריילראוד-קאסטען פאר די דעלעגאטען פון די נ. ב. אוו ד. זאלען זיין, $40 — 2815, $50 — 1636.

8. אמענדמענטס צו דער קאנסטיטושאן: א) ארטיקעל 11, ביי יערען פונקט וואו עס שטעהט: קען אפעלירען צו דער עקז. קאמ., וועמעס ענטשיידונג איז בינדענד, זאל זיך לעזען ווי פאלגט: קאן אפעלירען צו דער עקז .קאמיטע. געגען דער ענטשיידונג פון דער עקז. קאמ. קאן אפעלירט ווערען צו די נ. ב. אוו ד., וועמעס ענטשיידונג איז בינדענד, דאפיר 4287, דאגעגען 230; ב) צו ארטיקעל 11, פונקט 11, זאל צוגעגעבען ווערען: אויב הער קלעגער אדער אפעלאנט איז אונצופרידען מיט דער ענטשיידונג, קאן ער אפעלירען צו דער נאצ. עקז. קאמ. אין צייט פון 30 טעג נאכ'ן רעפארט פון דער אונטערזוכונגס קאמיטע פון ברענטש, דאפיר 4119, דאגעגען 166; ג) ארטיקעל 20, פונקט 6 זאל זיך לעזען: יעדען יאהר אין מאנאט פעברואר (אנשטאט די ערשטע וואך אין מאנאט מארטש) זאל די עקזעקוטיווע פאררופען טעריטאריען קאנפערענצען, א. ז. וו., דאפיר 4242, דאגעגען 8.

9. פארשיעדענעס: א) פון יאנואר 1919, זאלען די ברענטשעס קריגען קרעדיט פאר געשטראכענע מעמבערס, אויך פאר דעם מארטשוערי פאנד, דאפיר 5590, דאגעגען 34; ב)

די עקז. קאָמ. זאָל האָבען דאָס רעכט, אויב זי וועט דאָס געפינען פאַר נייטיג, זיך אַנצושליסען אַלס מעמבער אין פאַרשיעדענע האָספּיטאַלס און אויף דעם ספּענדען ניט מעהר ווי 3000 דאָלאַר אַ יאָהר, דאַפּיר 4525, דאַגעגען 445; ג) גוטצוהייסען די האַנדלונג פון קאָנווענשאָן, וועלכע האָט באַשטימט צו העכערען די דעלעגאַטען פון לעצטען קאָנווענשאָן 2 דאָלאַר אַ טאָג, צוליעב די גרויסע עקספּענסעס, דאַפּיר 4015, דאַגעגען 1230; ד) יד עקז. קאָמיטע, צוזאַמען מיט דעם ליגאַל אַדווייזאָר, זאָל האָבען דאָס רעכט צו רופען אַ ספּעשעל ליגעל קאָנווענשאָן און באַשטימען די פאַרטרעטערשאַפט צו אַזאַ קאָנווענשאָן פאַר דעם צוועק צו מאַכען אַמענדמענט צו דער קאָנסטיטושאָן אויב אַזעלכע וועלען נויטיג זיין צוליעב די געזעצע פון די סטייטס. אַזעלכע קאָנווענשאָנס קאָנען זיך באַשעפטיגען בלויז מיט אַמענדמענטס ווי אויבען אָנגעדייטעט, דאַפּיר 3755, דאַגעגען 809.

אַלע ײַטציַע רעקאָמענדירט פון קאָנווענשאָן איז פון רעפערענדום גוטגעהייסען געוואָרען.

דער רעפּאָרט ווערט גוטגעהייסען. און עס ווערט באַשלאָסען, אַז דער פּונקט וועגען אַריינצונעהמען נייע מעמבערס ביז 45 יאָהר זאָל באַלד אַריין אין קראַפט.

---

## טשערמאַן'ס רעפּאָרט.

פר. אַב. עפּשטיין באַריכטעט, אַז ער האָט פאַרטראָטען די נאַצ. עקזעקוטיוו ביי די זיצונגען פון דער נײשאָנאַל באָארד אָוו דירעקטאָרען. לויט זיין איינדרוק האָט די עקזעקוטיוו ביי זיי געוואונען דעם צוטרוי און זיי האָבען באַדאַנקט אַלע באַריכטאָפּגעבער.

עס איז אויך אָפּגעהאַלטען געוואָרען אַ געמיינשאַפטליכער מיטינג מיט די נײשאָנאַל באָאַרד אָוו דירעקטאָרען, וואו עס זיינען פאַרהאַנדעלט געוואָרען די פראַגען וועגען מיליאָן דאָלאַר פאָנד, וועגען מעמבערשיפּ קאַמפּיין, וועגען רעליעף אַרבייט און וועגען העכערען די באַהן הוצאות פון די נײשאָנאַל באָארד אָוו דירעקטאָרען.

צוליעב די העכערונג פון די באַהן רייזע־קאָסטען איז פאַר די דירעקטאָרען פון די ווייטערע סטייטס געוואָרען שווער צו קומען צו די צוזאַמענפאָרען. ביים געמיינשאַפטליכען מיטינג איז דארום באַשלאָסען געוואָרען צו העכערען די הוצאות פון די דירעקטאָרען לויט פּראָפּאָרציע, וואָס די מיילעדזש איז פאַרגרעסערט געוואָרען, צוזאַמען מיט דעם מלחמה־טעקס. עס איז פאַרשטאַנען געוואָרען, אַז די פראַגע זאָל געבראַכט ווערען צו דער נעקסטער קאָנווענשאָן. די דירעקטאָרען זאָלען אָבער זיין פאַראַנטוואָרטליך אומצוקעהרען דעם אונטערשיעד, אין פאַל די קאָנווענשאָן וועט דאָס צוריקווייזען.

באַריכט פון טשערמאַן ווערט גוטגעהייסען.

---

פר. זאַלצמאַן ערקלערט, אַז די עדויק. קאָמ. האָט באַשלאָסען צו אַראַנזשירען געמיינשאַפטליך מיט דער אָרג. קאָמיטע אַ גרויסען קאָנצערט און מאַס־מיטינג אין קופּער יוניאָן, ניו יאָרק, אַרום מיטען נאָוועמבער, פאַר דער ערעפענונג פון מעמבערשיפּ קאַמפּיין.

* * *

עס ווערט דעבאַטירט די פראַגע וועגען דרוקען אין „פריינד" די 22 זייטען מיט טאַבעלען. דער סעקרעטער ווערט בעאויפטראַגט אַריינצוברענגען צום נעקסטען מיטינג אַ גענויעס רעפּאָרט מיט וויפיעל עקסטראַ אויסגאַבען דאָס איז פאַרבונדען, און דאַן וועט די עקזעקוטיוו האַנדלען.

די פראַגע וועגען אָנפירען די עדיוקיישאָנאַל אַרבייט צווישען די אידישע סאָלדאַטען ווערט ברייט דיסקוטירט, און עס ווערט באַשלאָסען צו שיקען פריהער אַ קאָמיטע צו דער „דזשואיש וועלפעיר באָארד" און אויסגעפינען, אויב מיר וואָלטען זיך געקענט פאַראייניגען מיט זיי צו אַרבייטען געמיינשאַפטליך אויף דעם געביעט. אין דער קאָמיטע ווערען ערוועהלט פריינדע צוקער, ביילין און געליעבטער. עס ווערט פאַרשטאַנען, אַז די קאָמיטע זאָל רעפּאָרטען וועגען דער קאָנפערענץ צו די טשערלייט פון די דעפּאַרטמענט קאָמיטעס.

---

## קאָמיטע.

פון דער 15נער קאָמיטע וועגען מיליאָן דאָלאַר פאָנד. — ערקלעהרען, אַז פיעלע פון זייער קאָמיטע קומען ניט צו די מיטינגען און אויב עס וועט אַזוי אָנגעהן, וועט די אַרבייט פאַרנאַכלעסיגט ווערען.

עס ווערט באַשלאָסען, אַז די עקזעקוטיוו מיליאָן דאָלאַר פאָנד קאָמיטע זאָל מיטען זיי צוזאַמען און באַשטימען וועגען ווייטערדיגע אַרבייט.

---

עס ווערט באַשטימט, אַז דער נעקסטער מאָנאַטליכער מיטינג זאָל אָפּגעהאַלטען ווערען דינסטאָג אָבענד, דעם 13טען אויגוסט.

פ. געליעבטער, רעק. סעק.

---

# באַריכט פון דער ניו יאָרק אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע פאַר'ן יאָהר 1917-8

אינסטאָלירט סעפּטעמבער דעם 10טען, 1917.

די אַרבייט פון דער ניו יאָרק אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע איז היינטיגען יאָהר געווען גאַנץ פאַרשיעדען פון די פאַרגאַנגענע יאָהרען. וועהרענד די פריהערדיגע קאָמיטעס האָבען געהאַט אַ פרייע פעלד צו אַרבייטען, איז אונז דאָס יאָהר אויסגעקומען צו אַרבייטען אין אַ זעהר באַשרענקטער צייט אונטער זעהר אונגינסטיגע אומשטענדען, דאָך האָבען מיר זיך אָנגעשטרענגט און מיר דענקען, דאָס פאַרהעלטניסמעסיג זיינען מיר נישט ריקשטענדיג אין פאַרגלייך מיט די לעצטע ערפאָלגרייכע קאָמיטעען. מיר האָבען געטאָן אונזער אַרבייט אויף אַלע געביעטען, אָרגאַניזאַציאָנעל און אויך געזעלשאַפטליך, ווי איהר וועט זעהן ווייטער פון אונזער רעפּאָרט. גלייך ביי אונזער אינסטאָלײשאָן האָבען מיר זיך פאָרגענומען ניט נור צו באַזוכען די ברענטשעס און אַריינגעמען נייע מעמבערס, נור אויך צו באַטייליגען זיך אין אַלע אַ. ר. פראַגען און אין אַלע געזעלשאַפטליכע פראַגען. מיר דענקען, דאָס די סיטי קאָמיטע דאַרף און מוז אַנטייל נעמען אין אַלע פראַגען וואָס די נאַצ. עקז. נעמט אונטער און אויך אַליין אַנטייל נעמען אין אַלע פאַרשיעדענע געזעלשאַפטליכע טעטיגקייטען.

### נייע ברענטשעס.

עס איז אמת דאָס מיר האָבען קיין סך ברענטשעס ניט געקאָנט גרינדען, דען יעדען איז באַקאַנט אין וואָס פאַר אַ צייט מיר לעבען איצט. אונזער פעלד צו אַרבייטען, די הויפּט קוועלע פון וואַנען מיר קריגען נייע מעמבערס פאַר דעם אַ. ר. באַשטעהט מערסטענס פון דעם יונגען עלעמענט, און דאַריבער איז אונז געווען שווער צו מאַכען גרויסע פאָרטשריטע אויף דעם געביעט. יעדער יונגערמאַן איז איצט פאַרנומען מיט זיך אַליין, און עס ליגט איהם ניט אין זינען זיך אָנצושליסען אָן וועלכען עס איז אָרדען.

מיר האָבען באַזוכט פיעלע סאָסייעטיס, איבערהויפּט האָבען מיר זיך דאָס יאָהר אָבגעגעבען מיט די יוניאָנס. עס איז אונז געלונגען איינינע יוניאָנס צו מאַכען פאַר אַ. ר. ברענטשעס און מיט מעהרערע פאַרהאַנדלען מיר איצט. מיר האָבען געמאַכט אַראַנזשמענטס מיט מעהרערע יוניאָנס און מיר האָפען, דאָס אַזוי שנעל ווי די הייסע וועטערען וועלען פאַראיבער וועלען זיך פיעלע יוניאָנס אָנשליסען אָן אַרבייטער רינג.

פאָלגענדע סאָסייעטיס און יוניאָנס האָבען מיר אינסטאָלירט:

דעצעמבער דעם 11טען, קוני איילענד בר. 314
פעברואַר דעם 23טען, טאָמאַשאָווער יאָנג מען בר. 609
מאַי דעם 24טען, אַ. ר. מיוזיקאַל סאָסייעטי בר. 615
יוני דעם 27טען, פּראָג. ווייטערס יוניאָן בר. 613

יולי דעם 5טען, ליידיס טיילאָרס יוניאָן בר. 421
יולי דעם 27טען, סמאַטריטשער פּאָדאָליער בר. 141

עטליכע סאָסייטיס און יוניאָנס האָבען איצט דאָקטאָר עקזאַמינײשאָנס און װעלען אין קורצען אינסטאָלירט װערען אַלס אַ. ר. ברענטשעס.

אין בעצוג אָרגאַניזאַציאָנס אַרבייט װילען מיר זאָגען, דאָס טראָץ די יעצטיגע שװעריגקייטען ביים אַריינגעמען נייע מעמבערס, האָבען מיר אונזער טייל פאַר 10,000 נייע מעמבערס אין אַ. ר. װאָס די נאַצ. עקז. האָט אַרויסגעלאָזט, פּינקטליך ערפילט. מיר האָבען די פראַגע אויפגעהויבען ביי יעדער ברענטש מיטינג װאָס מיר האָבען באַזוכט און מיר קענען זאָגען, דאָס מיר האָבען געהאַט גרויס ערפאָלג. די ניו יאָרקער ברענטשעס האָבען זיך שטאַרק פאַראינטערעסירט. זיי האָבען אריינגענומען פיעל נייע מעמבערס. דער פאקט איז, דאָס ניו יאָרק סיטי האָט צוגעשטעלט אָרום 2,700 נייע מעמבערס.

## געשטראָכענע מעמבערס.

צו פאַרקלענערען די שטרייך־ליסט איז אויך געװען איינע פון אונזערע אויפגאַבען און אונזער ארבייט איז אונז זעהר געלונגען. װי נור מיר האָבען זיך אינסטאָלירט האָבען מיר געזעהן צו ענדערען דעם סיסטעם פון געשטראָכענע מעמבערס. מיר האָבען פאַרלאַנגט פון דער נאַצ. אָרג. קאָמיטע, דאָס דער אָפיס זאָל אונז גלייך איבערגעבען די ליסטען פון די געשטראָכענע מעמבערס, װאָס ער קריגט אריין יעדען 5טען פון דעם דריטען מאָנאַט אין קװאַרטאַל. אַזוי שנעל װי מיר האָבען די ליסטען ערהאַלטען זיינען מיר גלייך געװאָרען טעטיג און מיר האָבען אַלע ברענטשעס באַזוכט און געטרייט אַלע מיטלען אַזוי, דאָס די געשטראָכענע מעמבערס זאָלען זיך רעאינסטיטוטען. מיר האַבען פיעל פאַרקלענערט די צאָהל געשטראָכענע. דער פאקט איז, דאָס אין די לעצטע 3 קװאַרטאַלען האָבען זיך רעאינסטיטוטעט מעהר מיט 350 מעמבערס װי אין דעם פאַרגאַנגענעם יאָהר.

## ברענטש מיטינגען באַזוכט.

מיר האָבען באַזוכט פיעלע ברענטש מיטינגען, אויסגעליכען פאַרשיעדענע מיספאַרשטענדניסע. מיר האָבען אַזעלכע זעהר װעניג געהאַט. מעהרסטע ברענטשעס װאָס מיר האָבען באַזוכט איז געװען צוליעב פאַרשיעדענע צװעקען װי אַריינגעמען נייע מעמבערס, מלחמה קרבנות פאָנד, סאָציאַליסטישען קאַמפּיין, א. ז. װ.. מיר האָבען מעהרסטע ברענטשעס געטראָפען אין בעסטען אָרדנונג; און אַ קליינער צאָהל ברענטשעס װאָס זיינען געװען טויטליך האָבען מיר זיך אָנגעשטרענגט זיי אויפצולעבען.

פאָלגענדע טאַבעלע װעט אייך צייגען װיפיעל ברענטשעס מיר האָבען באַזוכט און צו װיפיעל מאָל:

| | | | |
|---|---|---|---|
| 84 | ברענטשעס | — — — — — צו 1 | מאָל |
| 53 | ברענטשעס | — — — — — צו 2 | מאָל |
| 42 | ברענטשעס | — — — — — צו 3 | מאָל |
| 16 | ברענטשעס | — — — — — צו 4 | מאָל |
| 22 | ברענטשעס | — — — — — צו 5 | מאָל |
| 15 | ברענטשעס | — — — — — צו 6 | מאָל |
| 6 | ברענטשעס | — — — — — צו 7 | מאָל |
| 4 | ברענטשעס | — — — — — צו 8 | מאָל |
| 3 | ברענטשעס | — — — — — צו 10 | מאָל |
| 1 | ברענטשעס | — — — — — צו 12 | מאָל |

צוזאַמען האָבען מיר באַזוכט 696 מיטינגען.

## סאָציאַליסטישען קאַמפּיין.

װי מיר האָבען זיך נור אינסטאָלירט האָבען מיר זיך באַלד גענומען פאַר דער אַרבייט צו העלפען דעם סאָציאַליסטישען קאַמפּיין. אונזערע קאָמיטעס האָבען באַזוכט כמעט אַלע אַ. ר. ברענטשעס פון גרייטער ניו יאָרק און מיר האָבען אַפּעלירט דאָס די ברענטשעס זאָלען זיך באַטייליגען אין דעם קאַמפּיין מיט װיפיעל זיי װעלען נור קענען.

דער רעזולטאַט פון די װאַהלען פון גרייטער ניו יאָרק איז אַלעמען באַװאוסט. די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט געהאַט אַ גרויסען זיעג: 145,000 שטימען פאַר גענאָסע הילקוויט, 10 מעמבערס אין דער סטייט אַסעמבלי און 7 מעמבערס אין דער באָאַרד אָװ אַלדערמען. און מיר קאָנען מיט צופרידענהייט זאָגען, דאָס אַ גרויסען

קרעדיט קומט אונזערע מעמבערס פון די ברענטשעס און אויך אונזער קאָמיטע פאַר דער גוטער ארבייט אין דיזען געביעט.

## מלחמה קרבנות פאָנד.

מיר האָבען זיך אָפּגערופען אויף דעם רוף פון די נאַצ. עקז. צו שאַפען 25 טויזענד דאָלאַר פאַר די מלחמה קרבנות. די דעמאָלטדיגע קאָנפערענץ האָט ערװעהלט אַ 25גער קאָמיטע, װעלכע זאָל אַרבייטען צוזאַמען מיט אונזער קאָמיטע פאַר דעם פאָנד. ליידער האָט די קאָמיטע איהר פליכט ניט ערפילט און די אַרבייט איז געבליבען אויסשליסליך אויף אונז. מיר האָבען זיך נאַטירליך ניט ענטזאַגט דערפון; מיר האָבען באַזוכט אַלע ברענטשעס, מאַנכע פון אונזערע מעמבערס האָבען באַזוכט צו 4 און 5 ברענטשעס אין איין אָבענד. מיר האָבען אַפּעלירט צו דיזע ברענטשעס זיי זאָלען מאַכען גרויסע אָנשטרענגונגען דאָס דער פאָנד זאָל ערפאָלגרייך דורכגעפירט װערען. אויך דאָ האָט אונזער ארבייט זיך אויסגעצייכענט ערפאָלגרייך. די ברענטשעס האָבען אונזערע אַפּיעלס אויפגענומען מיט באַגייסטערונג, געשטיצט מיט געלד און פאַרקויפט טעאַטער טיקעטס צו די 2 פאָרשטעלונגען װאָס די סאַניטאַריוס קאָמיטע האָט פאַראַנשטאַלטעט פאַר דעם צװעק.

## עדיוקיישאָנאַל אַרבייט.

די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט זיך צו אונז געװענדעט מיט זאָלען זיי העלפען אין זייער אַרבייט, װי אַטענדען לעקטשורס, אונטערנעהמונגען, קאָנצערטען, א. ד. ג. מיר האָבען זייער פאַרלאַנג גלייך באַװיליגט. מיר האָבען אַטענדעט צו אַלעס װאָס מען האָט אונז איבערגעבען; מיר האָבען געשיקט טשערלייטע, קעשירס, טיקעטאָבנעהמערס און פלאָר קאָמיטעס. מיט איין װאָרט, מיר האָבען געטאָן אַלעס װאָס מיר האָבען געקאָנט אונטער די אומשטענדען.

## אויסגאַבען פון דער קאָמיטע.

אויסגאַבען פון יולי 1917 ביז יולי 1918 זיינען געװען 621.92 דאָלאַר. די אויסגאַבען פון היינטיגען יאָהר איז פיעל קלענער װי פון פאַרגאַנגענעם יאָהר. עס האָט געקאָסט דעם אַ. ר. אַרום 23 סענט אַריינצונעמען אַ מעמבער אין גרייטער ניו יאָרק. די אויסגאַבען זיינען געמאַכט געװאָרען פון דער 3,000 דאָלאַר אָרג. פאָנד, װאָס די נאַצ. אָרג. קאָמ. פאַרװאַלטעט.

אַזוי װי יעדעס יאָהר האָבען מיר דאָס יאָהר אויך געהאַט װאַקאַנסען אין אונזער קאָמיטע. מאַנכע האָבען ניט אַטענדעט און מיר האָבען זיי געמוזט אויסשליסען און אַנדערע האָבען רעזיגנירט. מיר קענען זאָגען, דאָס דורכשניטליך האָבען מיר געאַרבייט מיט 18 מעמבערס, דאָך דענקען מיר, דאָס מיר האָבען קיין אַרבייט ניט פאַרנאַכלעסיגט. מיר האָפען דאָס די נייע קאָמיטע װאָס װעט ערװעהלט װערען פאַר'ן נעקסטען יאָהר װעלען זיין נור אַזעלכע, װאָס װילען אַרבייטען פאַר דעם אַרבייטער רינג און מען װעט ניט דאַרפען אַלע מאָל בייטען אַנדערע מענשען. זאָלען אַזעלכע, װאָס דענקען דאָס זיי װעלען ניט קענען אַטענדען, בעסער גאָר ניט אָננעמען.

מיר האָבען אין קורצען איבערגעגעבען די ארבייט פון דעם פאַרגאַנגענעם יאָהר און מיר לאָזען צו אייך אָבצושאַטצען אונזער אַרבייט. פריינדע, עס בלייבט פאַר אייך צו אורטיילען אויב אונזער אַרבייט איז פאַר אייך צופרידענשטעלענד אָדער ניט. מיר דאַנקען דער נאַצ. עקז. איבערהויפּט דער נאַצ. אָרג. קאָמ. פאַר מיטהעלפען אונז אין דער אַרבייט מיט װאָס זיי האָבען געקאָנט. מיר דאַנקען אויך אַלע ברענטשעס און מעמבערס פון גרייטער ניו יאָרק פאַר דער הילף װאָס זיי האָבען אונז געלייסטעט פאַראינטערעסירענדיג זיך אין אַלע אַפּיעלס און העלפענדיג צו מאַכען אונזער אַרבייט ערפאָלגרייך.

מיר האָפען דאָס זיי װעלען זיך אימער אָפּרופען און אַרבייטען צוזאַמען מיט דער נייער קאָמיטע װאָס װעט ערװעהלט װערען, צו מאַכען אונזער אָרגאַניזאציאָן שעהנער און גרעסער אַזוי, דאָס דער אַרבייטער רינג זאָל זיין דער שטאָלץ פון די אידישע אַרבייטער בכלל און פאַר די מעמבערס פון אַרבייטער רינג בפרט.

אַרבייט איז דאָ גענוג, דאָס פעלד איז גרויס; עס פאָדערט זיך נור די פּאַסענדע מענשען װאָס זיינען װיליג צו אַרבייטען. און מיר האָפען, דאָס די נייע קאָמיטע װאָס װעט ערװעהלט װערען װעט פאַרשטעהן איהר אויפגאַבע און אויספילען דאָס װאָס מיר האָבען פיליכט פאַרזעהן.

ניו יאָרק סיטי אָרג. קאָמ., אַ. ר.
א. לאַנגער, סעקרעטער.




# טרויער רעזאָלוציאָנען

מיר, די מעמבערס פון בר. 612, דריקען אויס אונזער טיעפען מיטגעפיהל צו אונזער פריינד מאנסוועל אויף דעם פארלוסט פון זיין קינד.

י. ראזענוואלד, סעק.

—

## גענאָסע אָטאָ סלייטער טויט!

## ניו הייווען אין טרויער!

גענאָסע אָטאָ סלויטער, איינער פון די אַקטיווסטע מיטגליעדער פון דער ראַדיקאַלער משפחה אין נוי הייווען פאַר די לעצטע 25 יאָהר. איז נאָך אַ קורצע קראַנקהייט געשטאָרבען. איבערלאָזענדיג אין טרויער יעדען ווער עס האָט נור געוואוסט פון די פיעלע און אויסערגעוועהנ־ליכע אַרבייט וואָס גענאָסע סלויטער האָט אָבגעגעבען דער באַוועגונג. אָנפאַנגענדיג מיט דער גרינדונג פון ערשטען ברענטש פון אַרבייטער רינג בר. 17. און ענדיגענדיג מיט דעם לעצטען ברענטש 389 פּרץ בר. אָפּגעבענדיג זיין גאַנצע פרייע צייט אין דער דיסטריקט קאָמיטע און סטייט קאָמיטעס צו אָרגאַניזירען און אויפהאַלטען די ברענטשעס אין דיסטריקט. און אין טרויער איז אויך יעדער מעמבער פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. וויסענדיג וואָס פאַר אַ טרייען קאָמעראַד זיי האָבען פאַרלאָרען. געדענקענדיג נאָך גענאָסע סלויטער׳ן ווען ער האָט אַזוי פיעל געאָפּפערט פאַר זיין ליעבלינג אָרגאַן דעם „פאָרווערטס״. ווען דער „פאָרווערטס״ איז געווען אין נויט אָפּגעבענדיג די גרעסטע טייל פון זיינע פאַרדינסטען, ניט קוקענדיג וואָס די איבעריגע גע־נאָסען פלעגען זיך מיט איהם דערפאַר אַרומרייסען, האָט ער דאָך זיין פליכט געטון. און אַזוי אויך באַאיינפלוסט די איבעריגע צו טון זייער פליכט.

געשטאָרבען איז גענאָסע סלייטער פון זיין לאַנגע שווערע אַר־בייט אין ווינטשעסטער. פאַר די גענאָסען איז ער געשטאָרבען פּלוצלינג. און ניט קוקענדיג וואָס עס איז כמעט געווען אונמעגליך אָנצוזאָגען, האָט די טרויעריגע נייעס פון זיין טויט דאָך ווי אַ בליץ, שנעל פאַר־שפּרייט זיך. און פיעלע מעמבערס פון אַרבייטער רינג און פריינדע, האָבען געלאָזען די אַרבייט און געקומען אָפּגעבען זייער פריינד און מיטקעמפּפער דעם לעצטען כבוד. —פּאַראַדירענדיג פאָראויס די קערי־דזשעס מיט די בלומען דורך דעם אידישען קוואַרטאַל. פאַרביי דעם לייבאָר לייסעאום וועלכען גענאָסע סלייטער האָט געהאָלפען גרינדען.

ביי אַ קאָנפערענץ פון 5 ברענטשעס פון ארבייטער רינג מיט דעם אידישען ברענטש ס. פּ. איז באַשלאָסען געוואָרען:

א). צו שיקען דיעזע רעזאָלוציאָן צום „פאָרווערטס״ און „פריינד״.

מיר, די מיטגליעדער פון בר. 251, פראָווידענס, דריקען אויסאונזער טיעפען טרויער אויף דעם פריה־צייטיגען טויט פון אונזער פריינד ב. פאלאטניק.

ל. פּאָליאַק, סעק.

—

ב). שטעלען אין נאָמען פון די אַרבייטער רינג ברענטשעס אַ שעהנעם מאָנומענט גענאָסע סלויטער׳ן אויף דער סעמעטערי.

עהרע דיין אָנדענקען גענאָסע סלויטער.

אין נאָמען פון די ברענטשעס

17, 232, 434, 493 און 589

ד. קריוויצקי און י. ספּעקטאָר, רעז. קאָם.

—

מיר באַדויערען דעם פארלוסט וואס אונזער פריינד מענדעלסאָן האָט ערליטען דורך דעם פריהצייטיגען טויט פון זיין פרוי.

פּרעס קאָמיטע, בר. 295, שיפּרין און שיק.

—

מיר, די מעמבערס פון שלום עליכם ברענטש 390 א. ר., פּאַ., באַדויערען דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער פר. ה. קופּפער און דריקען אויס אונזער טיעפסטע סימפּאַטי צו זיין פרוי מיט די קינ־דער.

יוליוס וואָלהענדלער, לואיס א. גאָסס, רעז. קאָמיטע.

—

מיר, די מעמבערס פון בר. 22 א .ר. ניו בריטיין, קאָנג., דרי־קען אויס אונזער טיפסטען באַדויערען און שמערץ איבער דעם פריהצייטיגען טויט פון אונזער באליעבטען און געאכטעטען פריינד מאַקס ט. בערמאן, וועלכער איז געווען איינער פון די אלטע מעמ־בערס פון ארב. רינג און איינער פון די עלטסטע טיכטיגע טוער אין דער סאָציאַליסטישער באוועגונג. זיין טויט ווערט באַדויערט פון אַלע זיינע פריינד און באקאנטע. מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטע סימפּאַטי צו זיין פאַמיליע. עהרע זיין אַנדענקען.

ס. גינסבורג, י. מ. כהן, ס. מיללער, קאָמיטע.

—

מיר, מעמבערס פון בר. 72 ראדיקאל סוירקעל אָף קעפּמייקערס, ביי א גוט באזוכטען ספּעשעל מיטינג אום 10טען אויגוסט, דריקען אויס אונזער הערצליכסטע סימפּאַטיע צו אונזער פריינד און פריינ־דין וויינגאָרטען, וועמעס זוהן האָט באגעגענט מיט אַ פריהצייטיגען טויט, דער׳הרג׳עט ווערענדיג פון א טריין.

זאָל דאָס זיין אייער לעצטער אומגליק אין אייער פאַמיליע, טייַ־ערע פריינדע!

ס. האנרמאַן, רעקאָרדינג סעקרעטער.

# אונזערע איינדריקע פון אונזער סאַניטאַריום

...שוין פון דערווייטענס לאָזט זיך אונזער סאַניטאַריום ארויסזעהן פון צווישען דעם ים גרינע בוימער. און וואָס נעהענטער מיר זיינען צוגעקומען האָבען זיך אַלץ מעהר אונזערע געביידעס מיט שטאָלץ אויסגעטיילט און געטונקט זיך אַלץ עפּטער אין גראָז און בלומען און אין בוימער, בוימער און בוימער און צוריק פון גרינס ארויס, ווי זיי וואָלטען זיך געשפּיעלט אין באַהעלטעניש

א מאָרגער רייצענדער שטאָלץ האָט אונז באַהערשט: אָט דיעזע פּרעכטיגע לאַנדשאַפט ארום; אָט דיעזע שעהנע געביידען ארום באַלאַנגען דאָס צו אונז, צום אַ ר ב י י ט ע ר ר י נ ג, און מיר, די דירעקטאָרען פון נאַציאָנאַלען באָארד, קומען דאָס באַקוקען יעצט אונזער נחלה, אונזער אייגענטום...

מיר האָבען געטראָפען אונזערע פערוואַלטער אונטערהאַלטענדיג זיך מיט די פּאַציענטען, און אונזער ערשיינונג אַלס דעלעגירטע פון נאַציאָנאַלען באָארד אָף דירעקטאָרען האָט ארויסגערופען אַ וואַרעמע, באַגייסטערטע אויפנאַמע.

דר. ראָזענבערג, דער טשיעף, האָט אונז באַלד באַגעגענט און האָט אונז גענומען פיהרען און צייגען די פאַרשיעדענע געביידעס און די מאָדערנע וויסענשאַפטליכע איינריכטונגען, וועלכע זיינען דאָס לעצטע וואָרט אין דער סאַניטאַריום־וועלט.

דאָ און דאָרטען האָבען מיר זיך אַדורכגערעדט מיט די פּאַציענטען, פונאַנדערגעפרעגט זיי וועגען די באַהאַנדלונגען און מיר זיינען איינפאַך איבערראַשט געוועזען פון דער טיעפער באַגייסטערונג און טרייהייט מיט וועלכע די פּאַציענטען רעדען פון זייער אינסטיטוציאָן. זיי פיהלען זיך דאָרט נישט ווי פּאַציענטען, פרעמדע, אָנגעקומענע, נור ווי קינדער פון איין משפּחה, און אַלע פּאַראינטערעסירט און איבערגעגעבען צום סאַנאַטאָריום.

מיר האָבען אויך באַזוכט די לענטעס, וואו די פּאַציענטען געפינען זיך מעהרסטענס. דאָס זיינען פ י ע ר אינטערעסאַנטע געביידעס, וואָס שטעהען אויף אַ באַרג הויך איינע איבער די אַנדערע, ווי אַ טעראַסע, אַזוי, דאָס ווען מ'שטעהט אונטען הויבען זיי זיך אויף איינע איבער די אַנדערע ווי אַ רייהע טרעפּ. מיר האָבען אויך באַזוכט די שעהנע לייברערי, די אונטערהאַלטונג רום מיט'ן פּול־טייבעל און וויקטאָראָלאַ, וואו די פּאַציענטען פאַרברענגען זיך גאַנץ געמיטהליך. אַלעס איז געווען אין בעסטען אָרדנונג און ווען מיר זיינען געקומען צום סאַפּער און געזעהן די שעהן־געדעקטע טישען און די פאַרשיעדענע געריכטען מיט אַ ברייטער און פולער האַנד, האָבען מיר שוין פאַרשטאַנען פאַר וואָס די מעהרסטע טייל פּאַציענטען פאַרלאָזען דעם סאַנאַטאָריום געזונדע און פרישע. אין אַזאַ אומגעבונג פון גוטער, פרישער און ריינער באַרג־לופט און פּרעכטיגע לאַנדשאַפט, אין אַזאַ פריינדליכע היימישע אַטמאָספערע און פרייגיעביגע געזונדע קעסט, וואו עס איז ניטאָ קיין „מיטלעס״, „וויהיטלעס״ און אַנדערע „לעסען״ — איז טאַקע קיין אַנדער ברירה נישטאָ ווי געזונד צו ווערען.

מיר זיינען פון דאָרט אוועק צו דער לאָנדרי; אַ שעהנע געביידע, אינסייד אויסגעפיקסט מיט די לעצטע מאָדערנע איינריכטונגען. אָבער צום באַדויערען איז דאָרט ניטאָ קיין סיסטעם מיט דעם אריינעמען און אַרויסגעבען די וועש. ווי דר. ראָזענבערג האָט אונז ערקלערט, האָט די סאַניטאַרוים קאָמיטע דאָס איינגעזעהן און זיי מאַכען שוין פּלענער אויסצובעסערען דאָס; און וויבאַלד די קאָמיטע האָט איינגעזעהן די נויטווענדיגקייט דערפון, האָפען מיר, אַז זי וועט דאָס טאָן ווי אַם שנעלסטען

מיר האָבען אויך באַזוכט די טשיקען פאַרם: דאָרט געפינען זיך ביי אַ 6 טויזענד טשיקענס, מיט צוויי אָפּטיילונגען פון יונגע און אַלטע. ביי די יונגע זיינען די קאַמען געווען רויט, פול מיט לעבען; געשפּרונגען, געפלויגען, פיעלע האָבען געפּיקט די צוימען — עס האָט אויסגעקוקט, ווי זיי ווילען עס צוברעכען ווייל זיי ווילען נישט האָבען קיין צוים ארום זיך, אַנדערע זיינען אריבערגעפלויגען די צוימען און האָבען זיך איינציגווייז צולאָזען אויף די פעלדער, אין די בושעס, יערע איינע פאַרטאָן מיט אָן אַנדער אַרבייט, אָהן אַ באַשטימטען פּלאַן און אָהן אַ פאַראייניגונג. ניט אַזוי איז אָבער געווען אין דער אָפּטיילונג פון די אַלטע טשיקענס: דאָרט זיינען די קאַמען ניט געווען אַזוי רויט, זיינען ניט אַזוי ארומגעשפּרונגען; זיי האָבען געלאַסען און ערנסט געטאָן זייער אַרבייט אין קלייבען די ברעקלאַך, און ווי עס ווייזט אויס זיינען זיי געווען צופרידען מיט דעם צוים ארום זיי, ניט אַזוי פאַר זיך ווי פאַר די יונגע טשיקענס, זיי זאָלען זיך ניט אַריינכאַפּען אין זייער טעריטאָריע און געניסען פון די ברעקלאַך, וועלכע זיי האָבען באַטראַכט פאַר זייער אייגענטום. מיר האָבען געפרעגט דעם אויפזעהער איבער די טשיקענס וואָרום ער האָט אָפּגעצאַמט די יונגע פון די אַלטע, האָט ער אונז געענטפערט, אַז עס איז טאַקע געווען אַ מיסטייק; מיר קלייבען זיך טאַקע צו צוברעכען די צאַמען, ווייל פאַר די טשיקענס וועט דאָס זיין פיעל געזינטער. מיר האָפען אַז דאָס וועט אויך וואָס שנעלער געטאָן ווערען.

באַטראַכטענדיג די אינסטיטושאָן אַלס אַ גאַנצע, האָבען מיר ניט גענוג ווערטער אויסצודריקען אונזער באַגייסטערונג. מיר ווילען נאָר באַמערקען, מיר אַרבייטער, וועלכע זיינען געוואוינט געוואָרען פון הונדערטע יאָהרען, דאָס מיר זאָלען ארויפקוקען צו די רייכע און מעכטיגע, אַז זיי זאָלען אונז פון זייערע הויכע פּלעצער ארונטערוואַרפען זייער הילף, האָבען איצט אָן אייגענער אינסטיטוציאָן, אין וועלכען מיר העלפען זיך אַליין, און דערצו געפינען מיר נאָך דעם סאַניטאַריום אין אַזאַ גלענצענדען צושטאַנד מיט אַזאַ בריליאַנטענע מענעדזשמענט, וואָס מיר האָבען זיך עס קיין מאָל ניט פאָרגעשטעלט. אונזער וואונש וואָלט דאַריבער געווען, אַז די גרויסע מאַסע מעמבערס זאָלען זיך אַביסעל מעהר אינטערעסירען מיט אונזער אַנשטאַלט, ווייל דאָס איז איינע פון די געלונגענסטע פּראָבען וואָס די אַרבייטער האָבען ווען עס איז געמאַכט אויף דעם געביעט פון זעלבסטהילף.

מיר דאַנקען די אַלע פּאַציענטען, דאָקטוירים און אָנגעשטעלטע פאַר זייער פריינדליכע אויפנאַהמע און אינפאָרמאַציאָנען.

א. סאָקאָלאָוו
ב. סלאַווין
קאָמיטע פון דער נ. ב. אָוו ד.

---

## בריעף אין דער רעדאַקציע.

ווערטהער פריינד רעדאַקטאָר: אז איהר לאַדט אונז שוין יאָ איין צו זאגען א דעה אין דער פיהרונג פונ'ם „פריינד", פאַרשטעהט איהר דאָך, דאָס עס וועלען זיך געפינען גענוג אידען, וואס וועלען זיך אויף אייך אַרויפוואַרפען מיט הונדערטע און טויזענדער פּראָיעקטען און עצות. וואָס, וואס — צו דעם זיינען מיר אידען גרויסע בריות. אָבער, כ'לעבען אייער פּראָגראַם, וואס איהר האָט זיך גענומען דורכפיהרען איז אַזוי ברייט, דאָס איך צווייפעל צי וועט נאָך אימיצער קענען עפּעס מוסיף זיין. איהר האָט, ווי עס ווייזט אויס, אַ ברייט האַרץ, פריינד רעדאַקטאָר, און זאָל אייך טאַקע גאָט העלפען אריינצוקריגען די אַלע בערען וואָס איהר האָט צוגעזאָגט און מאַכען אונזער בידנעם „פריינד" פאַר עפּעס אָ שטיקעל לייט. עס איז שוין צייט, גרויסע צייט. איהר וועט מיר אָבער ערלויבען אייך אָנצייגען אויף קליינוגקייט, אויף אייער מאָגאָפּאָל אויף לידער. דאָס איז אָ שלעכטע פּאָליסי. נישט נור די אויגזייטיגקייט דערפון. און זאָגען אייך בנאמנות, דאָס איך האָב גאָר נישט צו אייער אייגענע לידער, פאַרקעהרט, זיי זיינען גוט און דורכגעפיהלט און אויך פּאָעטיש, אָבער דאָס בלייבט אַלץ אַ מאָהלצייט פון א י י ן שפּייז. גוט

צו אייער ליעד נאָך צוויי־דריי וועט עס שוין אַן אַנדער פנים ...בען, וועט זיך פיהלען קאָליר־רייכקייט און פארשידענאַרטיגקייט. ...ך קען זיך אויך נישט צוריקהאַלטען פון מאַכען אייך אַ קאָמפּלי־ ...נט פאר אייערע קורצע שלאָג־ווערטער און פּאַראַגראַפען. זיי זייר ...ן גוט און ציעל טרעפענד. די אויסגעקליבענע פון אַנדערע אוי־ ...רס זיינען אויך אַם פּלאַץ. איבערהויפּט בין איך צופריעדען פון ...ם נאָרט שנייט אויף וואָס איהר שניידט דעם „פריינד." איהר קול־ ...ווירט אַן ארבייטער רינג פּאַטריאָטיזם פון העכערען מין, נישט ...ן דעם ביליגען און באַנאַלען סאָרט פון „נאָבעלען", „בעליעבטען", ...העכסטשעצענדען"־אָרדען, ווי אונזערע פּאַרדייטשטע סעקרעטערע פלע־ ...ן אָנאָל שרייבען. אָלגין'ס קינדער־מעשה'לע אין לעצטען נומער ...ז אַזוי אמת קינדיש, נאַאיוו און קינסטלעריש, דאָס איהר מעגט ...ך פאַרגינען צו האָבען־אין יעדען נומער עפּעס פון דיעזען סאָרט.

מיט אַכטונג.

אַלבערט לעווי, בראָנקס, נ. י.

---

ווערטהער פריינד רעדאקטאָר:

ערלויבט מיר אויסצודריקען מיין מיינונג וועגען די יעצטיגע ...עדאקציע פון „פריינד":

ערהאַלטענדיג דעם לעצטען נומער, האָב איך צו מיין גרויסער ...ופריעדענהייט דערזעהן אז עס איז פאָרגעקומען אַ גרויסע ענדערונג. ...ער לעצטער נומער „פריינד" איז נישט נאָר אינהאַלטסרייכער ווי די ...ריהערדיגע, נאָר מיר דאכט זיך אז אויך פאָרם־רייכער. איך האָב ...עהאַט אַן אמת'ן גייסטיגען געניוס איהם צו לעזען.

„פון מאָנאַט צו מאָנאַט" איז אויסגעצייכענט. „שטיקלעך און ...ברעקלעך" אויך אַזוי און די איבעריגע אַרטיקלען פאָלשטענדיג גוט.

אַ גוי'שקען מזל האָט דער ארבייטער רינג. ווי ער בעקומט עס ...אַלין גוטע: האָט ער א גוטען סעקרעטער — איז ער אויך אַ גאַנץ ...גוטער שרייבער. און אַזוי, אַ רעדאקטאָר — און אַ גאַנץ גוטער ...באַט.

כון ווינש איך אייך, געעהרטער רעדאַקטאָר, געזונד און ערפאָלג אין אייערע אונטערנעהמונגען, און איך האָף אז איהר וועט מאַכען אונזער אָרגאַן אַזוי גוט אַז יעדער מעמבער וועט איהם לעזען ניט ...ווילענדיג. איהר וועט מיר ענטשולדיגען פאר צונעהמען אייער צייט און פלאַץ מיט דיעזען בריעף, איך בין אָבער אזוי צופריעדען פון „פריינד" אז איך האָב זיך ניט געקענט צוריקהאַלטען פון אויסדרי־ קען מיין צופרידענהייט און דאַנק צו אייך.

מיט גרוס.

י. רודניצקי, דאַלאַס, טעקס.

---

ווערטהער פריינד רעדאקטאָר:

איך באַנוין זיך מיט דער פּריווילעגיע, וואס איהר האָט אונז, לעזער, געגעבען אין אייער לעצטען עדיטאָריעל און איך וועל זיך ערלויבען אויסדריקען מיין מיינונג.

ווי אַזוי מאַכט מען דעם „פריינד" אינטערעסאנט? דאָס וועט גאָר ניט שווער זיין, ווען די גוטע קרעפטען, וואס איהר האָט אויס־ געריכענט וועלען רעגעלמעסיג אַנטייל נעהמען אין „פריינד." איך גלויב אז דער „פריינד" אלס אַ זשורנאַל וועט זיין זעהר גוט, ווען מען מאַכט איהם מעהר צוגעפּאסט צו דער אַרבייטער אַטמאָספערע. אַלע אַרטיקלען מוזען זיין גענוג פּאָפּולער.

וועלכע אַרטיקלען וואָלטען זיין ניצליך פאר אונז מעמבערס? אויף דעם פּלאַץ וואָס מען נעהמט צו מיט קיבעצען זיך אין פּעליע־ טאָנען, פאר וואָס זאָל ניט זיין אן אָבטיילונג פאר היגיענע? דאָס וואָלט פיעל גוטעס געטאָן דער מעמבערשיפּ. עס וואָלט געדאַרפט זיין אַ קורצע אבטיילונג וועגען סאציאלע פראגען, לאָקאַלע און ניט לאָקאַלע, עס וואָלט זיין זעהר ניצליך, ווען מען דרוקט אַזוינע ווערק ווי דר. הורוויטש'ס „די ענטוויקלונג פון דעמאָקראַטיע אין אַמעריקא", זאַקס'עס „פּאָליטישע עקאָנאָמיע," אָדער עטוואס ענה־ ליכעס.

וואָס פיעלע מעמבערס קריגען ניט דעם „פריינד" איז אַמאָל די פּאָסט שולדיג, אַמאָל דער אַדרעס, אמאָל ווערט עס אין האָל פארפאַלען. דער „פריינד" האָט געדאַרפט פארקויפט ווערען אויף די סטענדס צו דריי סענט אַ קאָפּיע און דעריעניגער, וואס האָט צופעליג נישט געקראָגען דעם „פריינד" וואָלט איהם געקענט קויפען אויפ'ן סטענד. אויך ניט קיין מעמבערס וואָלטען זיך באַקענען מיט'ן א. ר. ווען

זיי זאָלען קענען איהם קויפען. איך גלויב דאָס מיר וואָלטען מיט דעם צוגעקראָגען אַ היבשע ביסעל מעמבערס.

נאָך אַ פּאָר ווערטער וועגען די קאָאָפּעראַטיווען, וואס איהר האָט באַהאַנדעלט אין אייער לעצטען נומער: איך דענק, דאָס אַן איינ־ ציגער ברענטש קען גאָר ניט אויפטאָן אויף דעם געביט, נאָר ווען די עקזעקוטיווע זאָל זיך דערצו נעהמען וואָלט זי יא געקאָנט פיעל אויפטאָן.

יע, עס קומט קרעדיט דעם שרייבער פון „פון מאָנאַט צו מאָנאַט" און עס איז זעהר ניצליך די באַריהרונג פון אַלע טאַגעס פראגען.

א. ליפּאָוועצקי, ברוקלין.

---

געעהרטער פריינד רעדאקטאָר:

ערלויבט מיר צו גראַטולירען אייך מיט די לעצטע צוויי נומערען „פריינד". נאַטירליך, עס איז נישטאָ קיין סוף צו קיין פארבעסע־ רונג, אָבער איך מוז אייך זאָגען דעם אמת, איך האָב שוין לאַנג געוואוסט דאָס דער „פריינד" זאָל ווערען אַן אמת'ער זשורנאַל, ווי ס'פּאַסט פאר'ן א. ר. די לעזע שטאָף איז גרינג און צו גלייכער צייט נישט ביליג און מאַרק מעסיג. איך האָב געצייגט מיין פרוי די „היים פיידזש" און זי האָט זיך שוין בענוצט מיט איינינע פּראַק־ טישע אָנווייזונגען. די עדיטאָריעלע אַרטיקלען אין „פון מאָנאַט צו מאָנאַט" און צבירן'ס אָבהאַנדלונג וועגען פלעכאַנאָוו'ן זיינען געווען אויסגעצייכענט. א יישר כח!

ליפּאַ גאָלדבערג, פילא., פּאַ.

---

טייערער גענאָסע י. ב. ביילין, רעדאַקטאָר פון „פריינד".

איך קען זיך ניט איינהאַלטען צו זאָגען דאָס די מעמבערס פון א. ר. אין אונזער שטאָדט האָבען דערפיהלט דאָס דער „פריינד" האָט אַ נייעם רעדאַקטאָר און... זיינען ענטציקט פיר די רעדאַקציע.

י. ספּעקטאָר, ניו הייווען, קאָנ.

# בריף - קאַסטען

יואל שטארק, פּעטערסאָן: ליידער צו שפּעט פאַר'ן סעפּטעמ־ בער נומער. אייערע פראגען צו דער עדיוקיישאָנאל קאָמיטע וועלען באַזונדער אייך געענטפערט ווערען.

מאַקס שאַפּיראָ, ברוקלין: צו שוואַך, פּרובט אַן אַנדער טעמאַ און זאָרגט מעהר פאַר די בעאַרבייטונג.

י. ל., קליוולאַנד: שיקט צו, וועלען מיר זעהן. אויב עס איז נור אַזוי גוט ווי איהר זאָגט וועלען מיר עס געוויס דרוקען.

ב. זעווין, פילאַדעלפיא: עס איז צו לאַנג און צעצויגען. גלייבט זיך ניט צו אונזער פעליטאָניסט י. ב. ער איז אַ שטענדיגער מיט־ אַרבייטער און אויב יעדער וואָלט זיך פאַרגינען צו ענטפערען איהם אַזוי ווי איהר, וואָלט ניט געסטאַיעט קיין פּלאַץ. פאַר אַ קורצע ער־ קלערונג וועלען מיר אייך געבען פּלאַץ.

צו אונזערע קענעדער ברענטשעס: די ביכער זיינען שוין ארויסגעשיקט געוואָרען לעצטע וואָך דורך „פּרעוט". און איהר וועט עס אין גיכען ערהאַלטען.

צו אונזערע מיטארבייטער און קאָרעספּאָנדענטען: די אַר־ טיקלען, באַריכטען און קאָרעספּאָנדענצען מוזען אָנקומען אין אָפּיס ניט שפּעטער ווי דעם 5טען, ווען ניט וועלען זיי אָפּגעלעגט ווערען אויף אַ צווייטען נומער.

---

אויב מען קען אַמאָל מיט איין ליפּלעט עפענען די אויגען פון אַ שכל בלינדען, וואס אַ ליפלעט קען נור קאָסטען אַ פּעני אָדער ווייניגער — וויפיעל אויגען וועלען מיר קענען עפענען מיט דעם מיליאָן דאָלאַר פאָנד?



# פון אונזער קאָרעספּאָנדענץ-טיש



ה. י. קאָהען, טשערמאַן פון דער עקז. פון בר. 540 אַ. ר., שיקאַגאָ, שרייבט אונז: דעם 14טען יולי, דיזען יאָהר, איז געוואָרען 4 יאָהר זייט אונזער ברענטש איז אָרגאַניזירט געוואָרען, און עס איז דאַרום אַם פּלאַץ אונטערצוציהען דעם חשבון אום צו וויסען דעם באַלאַנס.

פאַר די יעניגע, וואָס באַלאַנגען צום אַרבייטער רינג בלויז דערפאַר וואָס זיי ווילען זיין פאַרזאָרגט אין אַ נויטפאַל פון קראַנקהייט מיט סיק בענעפיט, קאָנסאָמפּשאָן בענעפיט, סאַניטאַריום און מיט טויטען בענעפיט אין פאַל פון טוידט, איז גאַנץ לייכט צו וויסען, אַז עס באַצאָהלט זיך. פאַר אַזעלכע וואָס ווילען ניט דענקען וועגען טוידט און פון קריינקען אַפילו אויך ניט, פאַר אַזעלכע אידען איז שוין אַביסעלע שווערער צו אונטערציהען דעם חשבון.

צום גליק אָדער צום אונגליק זיינען די גרינדער פון ברענטש 540 מיט אַ גאַנץ קליינער אויסנאַמע, באַשטאַנען מעהרסטענטייל פון אונפאַרהייראַטע יונגע לייט אין עלטער פון 20 ביז 22 יאָהר, עס איז גאַנץ לייכט זיך פאָרצושטעלען אויף וויפיעל אַזעלכע חברה־לייט קאָנען זיין פאַראינטערעסירט אין טויטען אָדער קראַנקען בענעפיט, און דאָך זיינען די יונגע געווען אַקטיווע טוער פון ברענטש.

אין פאַרלויף פון די 4 יאָהר פון אונזער עקזיסטענץ האָבען מיר אַנטייל גענומען אויסער אין אַרבייטער רינג פראַגען אויך אין יעדער פראַגע אין וועלכע אַן אַרבייטער אָרגאַניזאַציאָן דאַרף זיך באַטייליגען ווען עס, האָט זיך געהאַנדעלט וועגען העלפען אַ סטרייק, אַ סאָציאַליסטישען קאַמפּיין. מיר האָבען אימער געשטיצט מעהר וויפיעל אונזערע אומשטענדען האָבען אונז ערלויבט.

די בעאַמטע פון אונזער ברענטש זיינען הונדערט פּראָצענט סאָציאַליסטיש, טאַקע פּאַרטיי מעמבערס, און מען פיהלט דאָס ביי אַלע פאַרהאַנדלונגען; די מיטגליעדער וועלכע זיינען אַביסעל הונטערשטעליג שטרייכגען זיך אימער אָן צו איבערשטייגען די מעהר ראַדיקאַלערע מעמבערס.

מיט איניגע וואָכען צוריק איז ביי אונזער מיטינג פאַרהאַנדעלט געוואָרען די פראַגע וועגען העלפען ביישטייערען פאַר'ן מיליאָן דאָלאַר פאָנד; די עקזעקוטיוו האָט רעקאָמענדירט צעהן דאָלאַר, אַ פאָרשלאַג איז געווען פאַר 25 דאָלאַר און אין פערלויף פון דער דעבאַטע האָט אַ מעמבער אויפגעשריבען אויף דער וואַנט: „ווער פאַנגט אָן דעם קאַמפּיין פאַר'ן מיליאָן דאָלאַר פאָנד?" — איידער די דעבאַטע איז געווען צו ענדע האָט זיך אַרויסגעציגט, אַז עס איז שוין ניט געווען נויטיג צו וואוטען ניט די רעקאָמענדיישאָן פון דער עקזעקוטיוו און ניט דעם פאָרשלאַג פון 25 דאָלאַר, ווייל די וואַנד איז פאַרשריבען געוואָרען מיט נעמען און סומען, וועלכע האָבען איבערשטייגט די קוואָטאַ פון 25 דאָלאַר. די סומע איז וואהרשיינליך, לויט אונזער באַשלוס, שוין אָפּגעשיקט געוואָרען אין אָפּיס. דער דערמאָנטער אינצידענט איז בלויז איינער פון די פיעלע דורך וועלכע אונזערע מעמבערס האָבען זיך אַרויסגעצייגט הונדערט פּראָצענט לאָיאַל צום אַרבייטער קלאַס.

ביי אונז עקזיסטירט אַ געזעץ, אַז אַלע צושריפטען און מינדליכע אַפּיעלס פאַר שטיצע דאַרפען איבערגעגעבען ווערען צו דער עקזעקוטיוו קאָמיטע, וועלכע דאַרפען באַריכטען צום קומענדען מיטינג. אפשר אַביסעל קאָנסערוואַטיוו? דערפאַר קומט דער צווייטער פונקט, אַז דער געזעץ איז ניט גילטיג ווען עס האַנדעלט זיך וועגען שטיצען אַ סטרייק אָדער פּאָליטישע אַרעסטירטע אָדער פאַרשיקטע. עס וואָלט נאָך געקאָנט דערמאָנט ווערען פיעלע אַנדערע זאַכען וועגען ברענטש 540, אַבער צוליעב דעם וואָס דער פּלאַץ אין „פריינד" איז זעהר באַגרעניצט וועלען מיר דאָס אָפּלייגען אויף אַן אַנדערש מאָל.

מיר האָבען אויך דורכגעפירט לעקטשורס, דיסקוסיאָנען, דעבאַטען און אַנדערע עדיוקיישאָנאַל אַרבייט ביי אונזערע מיטינגען, אַבער צו אונזער באַדויערען זעהר אין אַ קליינער באַגרענעצטער מאָס, און עס וואָלט ווינשענסווערט געווען, אַז אין דער צוקונפט זאָל אונזער ברענטש אָנפאַנגען פאַרברייטערען זיין אַקטיוויטעט אויפ'ן עדיוקיישאָנאַל פעלד. אונזער מעמבערשיפּ איז גאַנץ קליין, גענויע 60 מיטגליעדער; פיליכט איז דאָס דערפאַר ווייל מיר זיינען זעהר איבערקלייביג.

צוליעב די יעצטיגע אונגאָרמאַלע אומשטענדען איז דער וואוקס פון אונזער ברענטש אַביסעל געשטערט; אונזערע מעמבערס וועלכע זיינען ווי אויבען באַמערקט, אַס מעהרסטען יונג, ליפערט אַ אַ גאַנץ גרויסער פּראָפּאָרציע מיטגליעדער פאַר אָנקעל סעם'ס אַרמעע. איניגע טעטיגע פאַרלאָזען אונז. עס איז גאַנץ מעגליך, אַז אין דער צייט ווען דיזע ציילען וועלען געלעזען ווערען, וועט דער שרייבער אויך זיין אין דער אַרמעע. מיר שטעלען זיך אָבער ניט אָפּ, מיר טוען דאָס בעסטע וואָס מיר קאָנען לויט די אומשטענדען.

היינטיגם יאָהר האָבען מיר אויך געהאַט אונזערע צוויי מיטגליעדער אין אונזער סאַניטאַריום; יעצט זיינען זיי שוין ביידע אין שיקאַגאָ. איינער פיהלט זיך גאַנץ גוט, דעם צווייטען וועלען מיר נאָך דאַרפען שיקען קיין לאָס אַנדזשעלעס; מיר מוזען ביידע העלפען. מיר האָבען זיך אַליין אָנגעשטרענגט און מיר האָבען געטאָן איבער אונזערע קרעפטען, לעצטענס זיינען מיר געצוואונגען אַרויסצושיקען אַן אַפּיעל צו אונזערע שוועסטער אָרגאַניזאַציאָנען און מיר האָפען, אַז זיי וועלען זיך אָפּרופען אויף אונזער אַפּיעל.

אין דער צייט ווען דיזע ציילען ווערען געשריבען האָבען מיר שוין ערהאַלטען אַן ענטפער פון אונזער לאַנדסלייט ברענטש „קאָראָסטישעווער בר. 545 אַ. ר. ניו יאָרק. דיזער ברענטש האָט אונז ניט דיסאַפּוינטעט, זיי האָבען אונז געשטיצט מיט 50 דאָלאַר; און איך וועל אויסדריקען אין נאָמען פון ק. ע. ל. בר. 540 אַ האַרצליכען דאַנק פאַר דיזער שעהנער דאָניישאָן. בראַוואָ! פריינדע און לאַנדסלייט! איהר זייט אָל רייט!

לאָמיר האָפען, אַז אַלע ברענטשעס, ניט קיין לאַנדסלייט, וועלען אויך טאָן זייער טייל און אונז העלפען שטיצען אונזערע צוויי פריינד וועלכע נויטיגען זיך אין אונזער שטיצע.

---

ב. פאַקטאָראָף, סעק. פון באָפאלאָ'ר דיסטריקט אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, שרייבט אונז:

זונטאג, דעם 28טען דזשוליי, 1918, האָט די באָפאלא דיסטריקט ארג. קאָמ. אָפּגעהאַלטען א קאָנפערענץ אויף וועלכער עס איז אויך אַנוועזענד געווען פר. וואָלאָס פון דער נאַצ. עקזעקוטיווע.

פאָלגענדע ברענטשעס זיינען געווען פארטראָטען: 29, 413 און 435. ברענטשעס 533 און 873 זיינען אבוועזענד.

נאָכדעם ווי פר. ז. מיללער ווערט ערוועהלט אלס טשערמאַן פון דער קאָנפערענץ נעהמט פר. וואָלאָס דאָס וואָרט. ער ערקלערט אין קלאָרע ווערטער דעם צוועק פון דער קאָנפערענץ, וועלכע איז הויפּטזעכליך גערופען געווארען אויסצואַרבייטען פּלענער אין באצוג דער טעטיגקייט פון דער נייַ ערוועהלטער דיסטריקט קאָמיטע פאַר דעם קומענדען יאָהר. אינטערעסאַנטע פראגען זיינען געשטעלט געוואָרען און דעבאַטען זיינען פאָרגעקומען, אין אלגעמיין האָט זיך געפיהלט דער גייסט פון האַרמאָני און ערוואַכונג וועלכע, איז צו האָפען, וועט ברייגען נוצען פאַר'ן ארב. רינג. פיעלע בעשליסע זיינען אָנגענומען געווארען. עס זיינען ערוועהלט און אינסטאַלירט געווארען פאָלגענדע בעאַמטע פאַר דער סיטי אָרג. קאָמיטע: פר. ווײַנטרויב, בר. 29, טשערמאַן; פר. באָרוס פאַקטאָראָף, בר. 435, סעקרעטער. עס איז בעשלאָסען געווארען צו ערוועהלען אַן עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע פון פינף מיטגליעדער ביי דעם נעקסטען מיטינג פון דער סיטי אָרג. קאָמיטע, ווען אלע ברענטשעס וועלען זיין פארטראָטען. א רעזאָלוציאָן איז געפאסט און אַוועקגעשיקט געווארען צו פּרעזידענט ווילסאָן אין דעם נאָמען פון אלע באָפאָלאר'ר ברענטשעס מיט אַ ביטע צו ראַטעווען מוני'ס לעבען פון די אייזערנע הענט פון די וועסטערן אַרבייטער פרעסערס.



זיי זיינען ברייט גענוג
די טויערען פון רוהם,
און הויך און שעהן געוויס,
באַפראַנזט מיט גלאַנץ און שיין —
דאָך קען נישט יעדער איינער
צו יעדער צייט אַריין...

און מעגט איהר זיין ווי פיין,
ווי קלוג, ווי גוט, ווי פרום —
אויב איהר האָט עס נישט פאַרדיענט
מיט שווערער מיה און פיין,
מיט טרייהייט, איבערגעבענהייט —
וועט איהר קיינמאָל דאָ נישט זיין!

# דאַנק רעזאָלוציאָנען

די לאָס אַנדזשעלעס סאַניטאַריום רעליעף אַסס'ן דריקט אויס איהר הערצליכען דאַנק און אַנערקענונג צו די פּאַציענטען פון אַ. ר. סאַניטאַריום, בעזאָנדערס צו פר. מ. בירנבוים, ווי אויך צו דעם מעדיקאַל דירעקטאָר, דר. ל. ראָזענבערג, פאַר זייער גוטער און ניצליכער מיטווירקונג צו דעם ערפאָלגט פון דעם קאָנצערט, וועלכער האָט שטאַטגעפונדען אויף די גראַונדס זונטאַג, דעם 21טען דזשולי. דער נעט פּראָפיט פון דער אונטערנעהמונג איז ביז יעצט געגנויע 19 הונדערט דאָלאַר.

די געווינער פון די פּרייזען וועלכע זיינען פּרעזענטירט געוואָרען פיר דיעזען צוועק, זיינען:

1) ס. שטיינבערג, 5 וו. 113טע סט., האָט געוואונען די פּיאַנאָ אין ווערטה פון 450 דאָלאַר, פּרעזענטירט פון מ. רייטמאַן, וועלכער האַלט אַ העט און שוה סטאָר אין 3863 דריטע עוו., בראָנקס.

2) הינדע ניומאַן, 340 פּולאַסקי סט., ברוקלין — דעם 125 דאָלאַר פאָנאָגראַף, פּרעזענטירט פון ל. גרינבערג, מעמבער פון בר. 24, וועלכער האַלט אַ פאָנאָגראַף סטאָר אין 3891 דריטע עוו., בראָנקס.

3) מרס. שניידער, פון גלענוויילד, נ. י. — די „פאָרווערטס" לייברערי.

4) מרס. רודערמאַן, פון 394 קריסטאָפער עוו., ברוקלין — אַלע אויסגאַבען פון „צוקונפט."

5) פ. פרידלענדער, פון 158 א. 13טע סט. — אַלע אויסגאַבען פון ארב. רינג.

6) מר. מאַרגאָליס, פון 348 ראָובלינג סט., ברוקלין — אַלע אויסגאַבען פון „בונד."

7) מר. גאַרמאַן, אַ מעמבער פון בר. 522 — אַ מיניאַטור סעט פון שעקספּיער'ס ווערק.

8) מר. דזשייקאָב גאָלד, פון 207 האָפּקינסאָן סטריט — שלום עליכם'ס פאָלקס־אויסגאַבע.

9) מר. סעם לאַקאָוויץ, פון 456 א. 171טע סט. — די ליבערטי באָנד פון 50 דאָלאַר.

---

מיר דאַנקען דעם „אַדיטינג" דעפּאַרטמענט פאַר אונטערזוכען אונזערע ביכער פאַר די לעצטע 7 קוואַרטאַלען, נישט רעכענענדיג קיין געצאָהלט. מיר אַנערקענען די וויכטיגקייט פון דיזען דעפּאַרטמענט און פאַרפליכטען זיך אין דער צוקונפט צו שטיצען איהם. מיר האָפען אויך אַז אַנדערע ברענטשעס וועלען דאָס זעלבע טאָן.

---

עקז. באָארד בר. 148, א. ר., סעם ספּרינג, פינ. סעק.

ביי אונזער לעצטען ספּעשעל מיטינג איז באַשלאָסען געוואָרען אויסצודריקען אונזער הערצליכסטען דאַנק צו פריינד דזשייקאָב אבראַמאָוויטץ פאַר זיין איבערגעבענהייט און טעטיגע ארבייט פאַר די לעצטע 6 יאָהר אַלס טרעזשורער. פר. אבראַמאָוויטץ האָט פיעל מיטגעהאָלפען צו פערבעסערען און פעסטצושטעלען אונזער פינאַנציעלען צושטאַנד ווי אויך די עקזיסטענץ פון אונזער ברענטש אינגאַנצען.

בר. 8 א. ר., ברוקלין.

---

אין אנבעטראַכט אַז פר. ד. וויין האָט געטריי און עהרליך געאַרבייט אין בר. פאַר די לעצטע 4 יאָהר אַלס פינאַנץ סעקרעטער און ביים איבערגעבען די ביכער איז אַלעס געפונען געוואָרען אין אָרדנונג, בעשליסען מיר אויסצודריקען דורך דעם „פריינד" אונזער טיעפע אַכטונג און הערצליכען דאַנק צו פר. ד. וויין פאַר די אַרבייט און מיה וואָס ער האָט געלייסטעט פאַר אונזער ברענטש און מיר האָפען אַז אויך אויף ווייטער וועט ער אונז מיטהעלפען אין אונזער ארבייט.

עקז. באָארד בר. 148, סעם ספּרינג, פינ. סעק.

---

מיר באַדאַנקען אונזערע אַלטע אָפיסערס, טשערמאַן ל. נודעלמאַן פאַר זיין ריכטיג אַטענדען זיין אמט פאַר די לעצטע 6 מאָנאַטען; אויך אונזער עקס סעקרעטער פר. פיינבערג פאַר זיין דינען דעם ברענטש פאַר'ן לעצטען יאָהר. מיר באַדויערען זייער זיין אַוועקגעהן אין קעמפּ. מיר ווינשען איהם גליק און געזונט צוריקצוקומען. מיט זיין אָפּרייזען פערלירט דער ברענטש אַ טרייען מעמבער. דער ברענטש בעשליסט איהם צו פּרעזענטירען מיט אַ גאָלד ריסט וואַטש און אַ באַנקעט פאַר זיין אָפּפאָהרען.

מאַקס סאַפיר, סעק. בר. 71.

---

בר. „גרופּע אַרבייטער פריינד" אַ. ר. 512, דריקט אויס טיעפע דאַנקבאַרקייט צו די פאָלגענדע ברענטשעס וועלכע האָבען ביז יעצט זיך אָבגערופען אויף אונזער אַפּיעל פאַר פריינד ראָקער:

בר. 6, 8, 24, 39, 54, 65, 70, 79, 92, 105, 112, 121, 127, 166, 174, 178, 180, 185, 198, 209, 216, 251, 259, 265, 276, 295, 304, 312, 320, 324, 340, 380, 398, 413, 416, 437, 474, 484, 488.

מיר פאַרזיכערען דאָס מיר וועלען אימער שטעהן אויף דער וואַך, און יעדער אויפרוף פון אונזערע ברידער א. ר. מעמבערס וועט ביי אונז געפינען טיפען אָפּקלאַנג.

א. ראַבינאָוויץ, סעק. בר. 512.

---

## ווילמינגטאָנער בר. 69 א. ר.

מיר דריקען אויס אונזער הערצליכען דאַנק צו די ברענטשעס וואָס האָבען זיך אָבגערופען אויף אונזער אַפּיעל פאַר אונזער קראַנקען פריינד.

בר. 415, 2.15 ד.; צו 2 דאָלאַר, בר. 305, 306; צו 1.50 ד., בר. 317, 118. בר. 489 1.25 ד. צו 1 דאָלאַר, בר. 8, 10, 11, 12.

20, 21, 27, 28, 41, 46, 52, 54, 55, 55, 58, 62, 65, 77, 78, 79, 81, 82, 88, 90, 93, 94, 99, 104, 105, 110, 112, 114, 16„ 123, 127, 128, 130, 135, 137, 143, 149, 158, 170, 183, 184, 193, 212, 219, 225, 228, 237, 240, 248, 259, 263, 266, 271, 274, 279, 283, 284, 286, 287, 318, 319, 324, 327, 331, 340, 341, 352, 356, 348, 862, 372, 380, 384, 398, 413, 414, 423, 432, 433, 437, 452, 454, 456, 459, 462, 470, 470, 474, 475, 478, 479, 483, 489, 493, 492, 495, 500, 517, 520, 521, 522, 527, 541, 544, 564, 567, 573, 575, 580, 599, 602, 606.

בר. 525 79 סענט. בר. 166 60 סענט. בר. 245 55 סענט.

צו 50 סענט: בר. 6, 7, 16, 19, 22, 24, 29, 30, 42, 45, 47, 48, 63, 70, 71, 80, 84, 87, 95, 96, 98, 107, 109, 119, 120, 121, 133, 140, 150, 154, 155, 159, 161, 162, 178, 185, 187, 192, 195, 198, 200, 208, 209, 214, 220, 234, 242, 251, 253, 256, 257, 265, 268, 269, 278, 295, 312, 315, 316, 320, 326, 333, 342, 344, 361, 373, 382, 397, 408, 416, 418, 429, 431, 440, 442, 457, 525, 529, 537, 552, 547, 554, 569, 570, 594. צו 25 סענט 447, 603. ס. יעלין 30 סענט. דער פאָלגענדער נומער האָט געוואונען, 8338. דער בר. וואָס האָט דעם נומער איז געבעטען צו שיקען דעם אַדרעס און דעם נומער.

אב. סילווער, סעק., 605 וו. 7טע סט., ווילמינגטאָן, דעל.

---

מיר, די מעמבערס פון ווארשעווער בר. 519 א. ר., בעדאנקען פר. אייק פישמאן, פאר זיין ערנסטער איבערגעבענהייט צום ברענטש אלס טשערמאן פון דער באָארד אָוו קאַנדידייטס, וועלכער האָט טריי און פלייסיג געארבייט אז צו די צעהנדליגע נייע קאַנדידאטען זאל ריכטיג אטענדעד ווערען. מיר האָבען אז אין דער צוקונפט וועט ער ארבייטער מיט דער זעלבער טריהייט און פלייסיגקייט פאר אַ שעהנעם און גרויסען ברענטש.

אייב פאסטעלניק, סעק.

---

מיר דאַנקען זעהר דעם סעקרעטער פון בר. 128, נאָרוויטש, קאָנ., פר. מעקס סורקען, פאר זיין פריינדליכער באהאנדלונג און פאר דעם שנעלען אַטענדען צו דער קיוס פון אונזער פריינד.

י. ראָזענוואלד, סע. בר. 612.

---

מיר דריקען אויס א דאנק צו אונזער פר. יעקב שיק פאר זיין איבערגעבענהייט און מיהזאמע, אינטעליגענטע ארבייט אלס פינאַנץ סעקרעטער פון אונזער ברענטש פאר א האַלב יאָהר צייט.

שיפרין און קאלטון, פרעס קאָמיטע בר. 295 ברוקלין, נ. י.

---

דאנק און אַנערקענונג צו דעם ברענטש 595 ענגעלוואוד, נ. דזש. פאַר די 16.00 דאָלאַר וואָס זיי האָבען צוגעשיקט פאר די אידישע סאָלדאַטען אין קעמפּ מעריט דורך דעם סעקרעטער פר. נ. פרענקעל און טשערמאַן ס. קאסעל.

---

דעם סעט ביכער „אַלע דראַמען פון פרץ הירשביין" וואָס איז געראַפּעלט געוואָרען פון בר. 570 אַ. ר. איז געוואונען געוואָרען פון בר. 123 טראָי, נ. י. דער גליקליכער נומער איז 1228 (דער ראַפּעל טיקעט איז בייגעלעגט).

---

ביי אַ גוט באזוכטען ספּעשעל מיטינג אָפּגעהאַלטען דעם 7טען יוני, 1918, אין „פאָרווערטס" בילדינג פון דער יעקאַטערינאָס-לאווער רעוואלוציאנערען ברענטש 132 א. ר. איז איינשטימיג באַשלאָסען געוואָרען צו באַדאַנקען פריינד בעני קנאַבלער פאר דער גוטער אַרבייט וואָס ער האָט געלייסטעט אַלס פינאַנס סעקרעטער, און אויך איהם ווידערערוועהלט פאַר'ן זעלבען אַמט פאַר די נעקסטע זעקס מאָנאַטען.

מיט פריינדליכען גרוס,

סעם פושביין, רעק. סעק. בר. 132 אַ. ר.

## סיטי און דיסטריקט קאָמיטע פון רהאָוד אײַלענד.

מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטען דאַנק צו די פאָלגענדע ברענטשעס פון אַ. ר. און ל. ל. פאַר זייער אָפּרופען זיך אויף אונזער אַפּיעל: בר. 592, 535 צו 5 דאָלאַר; בר. 11, 109, 248 צו 3 דאָלאַר; 95, 134, 232, 251 צו 2 דאָלאַר; בר. 4, 39, 46, 52, 54, 70, 79, 87, 90, 187, 256, 446, 521 צו 1 דאָלאַר; בר. 5, 7, 11, 17, 20, 30, 36, 41, 42, 45, 47, 64, 80, 93, 94, 98, 99, 105, 106, 107, 110, 116, 117, 121, 127, 128, 130, 135, 136, 137, 140, 158, 161, 162, 178, 180, 194, 198, 201, 208, 210, 225, 234, 242, 259, 274, 277, 278, 287, 295, 341, 352, 361, 362, 365, 397, 413, 417, 429, 430, 434, 437, 447, 459, 469, 488, 500, 510, 514, 533, 555, 569, 594 צו 50 סענט; בר. 38, 53, 183, 240, 249, 269, 303, 317, 326, 331, 349, 383, 395, 413, 425, 431, 489, 496, 531, 545, 599. לייבאָר ליעג בר. 25 10 דאָלאַר; בר. 2 4 דאָלאַר; בר. 21 3 דאָלאר; 8, 12, 16, 17, 32, 44 צו 2 דאָלאַר; בר.15 1 דאָלאַר.

מיט פריינדליכען גרוס,

סיטי און דיסטריקט קאָמיטע פון ר. א.

דזש. פּאוולאָוו, סעק.

נ. ב.—סעקרעטערע וועלכע באַמערקען אַ מיסטייק זיינען געבעטען צו מעלדען צום סעקרעטער דזש. פּאַוולאָוו, 239 פּליין סט. פּראָווידענס, ר. א.

---

## בעלגאַרייער פּראָגרעסיוו יאָנג מענס, ברענטש 570 אַ. ר.

מיר דריקען אויס אונזער הערצליכען דאַנק צו די פאָלגענדע ברענטשעס וואָס האָבען זיך אָפּגערופען אויף אונזער אַפּיעל.

בר. 119 — $1.50; בר. 488 — $1.20; בר. 495 — $1.40.

צו 1 דאָלאַר: ברענטשעס 11, 21, 23, 28, 34, 37, 44, 46, 52, 54, 62, 68, 79, 90, 92, 94, 99, 105, 110, 114, 116, 117, 123, 130, 133, 135, 137, 141, 145, 170, 173, 174, 184, 187, 190, 193, 196, 202, 204, 210, 212, 216, 221, 228, 229, 237, 246, 258, 261, 262, 265, 271, 274, 276, 279, 282, 284, 286, 288, 311, 319, 324, 326, 330, 331, 333, 358, 362, 369, 380, 385, 392, 392, 396, 398, 413, 414, 415, 417, 418, 431, 434, 441, 444, 446, 453, 474, 575, 481, 483, 484, 489, 496, 498, 510, 519, 524, 525, 534, 537, 544, 559, 561, 564, 567, 573, 574, 577, 580, 585, 588, 590, 593, 596, 605, 610. ברענטשעס 222 — 90ס.; 545 — 80ס.; 565 — 70ס; צו 50 סענט, ברענטשעס 2, 6 , 7, 10, 19, 22, 25, 27, 29, 36, 39, 42, 45, 47, 48, 53, 58, 63, 64, 70, 73, 80, 84, 87, 88, 98, 107, 109, 120, 121, 127, 136, 140, 143, 154, 157, 162, 180, 189, 195, 198, 208, 209, 220, 232, 234, 240, 242, 245, 251, 252, 260, 266, 268, 277, 278, 292, 295, 303, 304, 312, 315, 317, 318, 320, 325, 341, 348, 349, 351, 353, 358, 361, 367, 373, 382, 397, 402, 461, 422, 429, 457, 459, 469, 470, 500, 522, 529, 541, 547, 554, 569, 576, 584, 594. בר. 342 — 40ס.; בר. 241 — 30ס.; בר. 447 — 52ס.

דעם סעט ביכער „די דראַמען פון פרץ הירשביין" וואָס איז געראַפּעלט געוואָרען האָט געוואונען נום. 1228 וואָס ער האָט זיך געפונען ביי ברענטש 123 פון טראָי, נ. י.

מיר בעטען אויך ענטשולדיגונג פון די סעקרעטערע וואָס האָבען פארלאַנגט ספּעציעלע רעסיטס; עס איז געווען אונמעגליך צו שיקען באַזונדערע רעסיטס. זאָל דיזע קוויטירונג דיענען פאַר זיי אַלס רעסיט.

הייטאַן מייערס, סעקרעטער.

---

זאָגט פּראָפעסאָר סילוואַנוס טהאָמפּסאָן: „עס איז צום באַדויערען אַן אונבאַשטרייטבאָרער פאַקט, דאָס די מעהרסטענטייל מענשען ווילען איינפאַך נישט וויסען דעם אמת וועגען די זאַכען ווי זיי זיינען". מיט אונזער אונאויפהערליכער אַגיטאַציע און אויפקלעהרונג, וועלען מיר מיט דער צייט דורכברעכען דיזען פאַקט און גרייכען יענע צייט, ווען די מעהרסטענטייל מענשען וועלען נישט וועלען הערען פון קיין אַנדער זאַך, חוץ דעם אמת...

* * *

זעהסט די נאָך אַ באַגאַנגענע עולה און דיין האַרץ ווערט אויפגעציטערט ביז'ן אויסערסטען — שטעק נאָך אַמאָל אַריין די האַנד אין פּאַקעט און גיב נאָך אַמאָל פאַר'ן מיליאָן דאָלאַר פאָנד.

# דער פריינד

אָפיציעלער אָרגאַן פון אַרבייטער רינג









## אינהאַלט:



OFFICIAL ORGAN OF THE WORKMEN'S CIRCLE

'ER, 1918

1918 ,ע

# THE FRIEND

OFFICIAL ORGAN OF THE WORKMEN'S CIRCLE

Published Monthly

I. B. BAILIN, Manag. Editor — J. BASKIN, Business Manager

Office of Publication:
62 Van Buren Street, Passaic, N. J.
General Office:
175 E. Broadway, New York, N. Y.



Subscription Rates:
Per Annum, 50c. Six Months, 25c.
Single Copy, 5 cts.

Entered as second class matter April 21, 1911, at the Post Office at Passaic, N. J.


# האָט שוין אייער סעקרעטער פאר איך געאָרדערט?

זייענדיג שטענדיג פאַרנומען מיט פאַרשיעדענע אַנדערע אנגעלעגענהייטען פון אַרבייטער רינג קען גרינג טרעפען, אַז אייער ברענטש סעקרעטאר זאָל איינפאַך פאַרגעסען צו אָרדערען פאַר איך, אויב איהר וועט איהם נישט פון צייט צו צייט דערמאנען.

## אינגאנצען איז געווען צוויי טויזענד

וואָס פאַר אַ „זנאַטשעניע" האָבען צוויי טויזענד קאָפּיעס פאַר 62 טויזענד מעמבערס! אויב איהר וועט זיך דאריבער נישט צואיילען וועט אייך קיינער נישט שולדיג זיין. מיר מיינען עס דעם פראַכטפולען נעט-געבונדענעם

## קארל מארקס יובילעאום־בוך

מיר וואָרענען אייך נאָך אַמאָל אום פון זיך אראָפּצונעהמען די פאַראַנטוואָרט־ליכקייט ווען די אויפלאַגע וועט זיך אויסשעפּען.

### פרייז נור 45 סענט

פאַר נישט מעמבערס פון אַרבייטער רינג 1 דאלאר (פּאָרטאָ 8 סענט עקסטרא).

געדענקט זשע, דערמאנט דעם סעקרעטער איידער עס ווערט שפּעט.

די עדיוקיישאָנאל קאָמיטע פון אַ. ר.

די דזשענעראל עקזעקוטיוו מיטעט יעדען
...ייטען זונטאג אין מאָנאט. מאכט דאריבער
... קיינע אונטערנעהמונגען אין דיזע טעג

אויף וועלכע איהר וואָלט וועלען האָבען אַ פאַ...
טרעטער פון דער עקזעקוטיווע.
קאָמיטעס ווערען אויפגענומען פון צוויי ביז דרו...

THE FRIEND



דער פריינד

Vol. IX OCTOBER, 1918 No. 10

# פון מאנאט צו מאנאט

ימקעהרען פארשטויסענע

א שווערער, ביטערער לעבען. א קאמף פאר דער עקזיסטענץ און אן עקזיסטענץ פון שטענדיגען אונאויפהערליכען קאמף. פאר־ יעדענע שטיינער הויפען זיך אן איבער'ן וועג און מ'דארף זיי ישט זעלטען מיט געשטרויכעלטע פיס איבערשפרינגען. פאר־ שיעדענע עראייגניסע און צופעלע לויערען דעם מענשען, אי־ ערהויפט דעם ארבייטער און אונפארמעגליכען ביזנעס־ארביי־ טער, אויפ'ן וועג. צעהנדליגע זאכען ציהען אוועק די אויפ־ ערקזאמקייט, אין דער צייט ווען איין זאך נור ציהט עס צו.

האבען מיר זיך שוין טיעף אריינגעגריבעלט אין דער שמה פון א מענשען, וואס האט באלאנגט מיט אונז פאר א ייט אין אונזער ארדען, און מיט אמאל איז ער עפעס ארויס־ עפאלען, מיר נישט, דיר נישט?

איז עס מעגליך, אז ער האט אויפגעהערט צו גלויבען אין ער ניצליכקייט פון דעם ארדען? איז עס מעגליך, אז ער האט זיך בארעכענט, אז דער עסק לוינט איהם נישט, אז ר קען ערגעץ אנדערש מאכען א בעסערען „אינוועסטמענט“?

גיכער ווי אלץ איז עס איינפאך: אן אנדער אנגעלעגענ־ הייט האט א געוויסע צייט אפגעצויגען זיין אויפמערקזאמקייט ון ברענטש. ער האט זיך פארגעסען נישט נור אן דעם רענטש — ער האט פארגעסען אן פיעלע גוטע פריינד, און פארשיעדענע אנדערע זאכען מיט וועלכע ער איז שוין געוועזן איינגעוועהנט. עס געהט אבער אדורך א צייט, דער צופאל, וואס האט איהם געמאכט אן אלץ פארגעסען, האט זיך שוין ריינגעפרעסט אין דעם געוועהנליכען גאנג פון לעבען און אונזער פריינד גיט זיך א כאפ אויף, ווי פון שלאף.

ער זעהט זיך ארום, אז פארשיעדענע טירען, וועלכע זיינען ריהער פאר איהם אפען געווען, זיינען יעצט פאר איהם פאר־ מאכט. ער וואלט שוין צוריק געפרובט אריינגעהן אין זיין רענטש, אבער עס איז שוין אנגעוואקסען א גאנצער בארג פון יוס און ער קען נישט, אפטמאל האט ער דעם מוטה נישט, יהם מיט אמאל אראפצוטרייסלען. בלייבט ער פון אוי־ גוועניג, א פארלארענער און א פארשטויסענער . . .

צעהנדליגער אורזאכען קענען ווירקען, אז מעמבערס זאלען רויספאלען, פארנאכלעסיגען, און אפילו פארגעסען. נישט לע מאל איז דער רעדזשיסטרירטער לעטער א דירעקטער ערמאנער, א ווירקזאמער נאך זעלטענער.

דער מאניפעסט פון דער דזשענעראל עקזעקוטיוו אריינ־ ונעמען צוריק אלע מעמבערס, וואס זיינען געשטראכען גע־ ארען פאר די לעצטע צוויי יאהר, נייטט איינצאהלענדיג די יוס, וואס האט זיך פאר דער צייט אנגעהליבען — ווערט אלזא באגריסט פון אלע פראקטישע א. ר. טוער, אלס א מיטעל אומצוקעהרען די הונדערטע אויסגעשלאסענע און פארשטויסענע צוליעב די אונפינקטליכע דיוס־צאהלונגען.

אויב מיר ווערען זיך גלייך א נעהם טון און פאנאנדער־ אקערען אונזערע ארומיגע קרייזען און. אויפזוכען אלע אויסגע־ שלאסענע און ארויסגעפאלענע — קענען מיר נאך ביז ניי־ יאהר אויסריכטען שעהנע הונדערטער און טויזענדער צוריק אין אונזערע רייהען.

ארגומענטען פאר'ן א. ר. פעהלען נישט. די משא פון נישט באצאהלטע דיוס ווערט פאר די נעקסטע פיער חדשים פארשוואונדען. עס איז קיין אורזאכע נישטא פאר וואס מיר זאלען נישט קענען, טראץ די אויסערגעוועהנליכע צייטען, וואס מיר לעבען אדורך, די גרעסטע טייל פארלארענע פריינדע צוריק באקומען און אויף אזא אופן אויספילען פינקטליך און געטריי דעם ארדער פון אונזער דזשענעראל עקזעקוטיווע צו האבען זי־ בעציג טויזענד מעמבערס ביז דער דעטראיטער קאנווענשאן.

מיט ליעבע און טרייהייט, צו דער ארבייט!

* * *

די לייבאר ליעג קאנווענשאן

אין אנאנדער ארט פון דיזען נומער, וועט דער לעזער געפינען אן אויספיהרליכען באריכט פון פר. אב. עפשטיין וועגען דער לייבאר ליעג קאנווענשאן, וואס איז אפגעהאלטען געווארען, אנפאנג סעפ־ טעמבער, אין בראקטאן, מאסס.

מיר ווילען נור ציהען די אויפמערקזאמקייט פון אונזערע מעמבערס אויף אייניגע כאראקטעריסטישע פאקטען, וועלכע האבען פאר אונז א פיעל באדייטענדען אינטערעס. אט דיזע, בערך, קליינע, אבער שטאל־פעסטע געשלאסענע שוועסטער אר־ גאניזאציאן, וואס האט שוין פאר די לעצטע ניין יאהר געדארפט אויסארבייטען ביי זיך באזונדערע טראדיציעס און א נאטיר־ ליך־לאגישען ווילען פאר לעבען און עקזיסטענץ אלס ארגאני־ זאציע, ווארט בעצם אויף דעם מאמענט, ווען עס וועט אנקומען די גליקליכע שעה און זי וועט אויפהערען צו עקזיסטירען אלס אזעלכע. נישט דערפאר, וואס זי פיהרט א קלעגליכע עקזיס־ טענץ און איר איז שוין דער טוידט פיעל ליבער ווי דאס לעבען ט דערפאר, וואס זי שטעהט אויף איין ארט, אהן רספעקטיווען פון ענטוויקלונג און פראגרעס. די פא גראדע פארקעהרט: זי איז א לעבענסלוס־ טיגע, יישע און אגרעסיווע ארגאניזאציאן, וואס פיהלט נערוו פון איהר סיסטעם דעם צאפעלדיגען ציטער און באוועגונג. זי געפינט זיך אויך אין א

בליהענדען צושטאַנד פון נאָרמאַלער ענטוויקלונג און איהר פיזיישער וואוקס איז נישט קלענער, בערך, פון איהר גייסטיגען האָריזאָנט. און דאָך וועט עס זיין א גרויסער טאָג פאר יעדען מעמבער פון לייבאָר ליעג, ווען עס וועט קענען אָפיציעל ערקלעה״ט ווערען, אַז דער לייבאָר ליעג געהט אראָפּ פון דער לעבענס־סצענע און פאַרנעמט זיין פּלאַץ אין דער היסטאָריע. דאָס ערקלעהרט זיך מיט די אונפאַרגלייכליכע לאָיאַליטעט, וואָס דער לייבאָר־ליעג פיהלט צום אַרבייטער־ריגג און וואַרט אויף דער גליקליכער מינוט, ווען ער וועט אָפען פאר די אויגען פון דער גאַנצער וועלט זיך קענען צוזאַמענגיסען מיט דעם אַרבייטער־רינג אין איין מעכטיגער מאַסע. און דיזע טרייהייט און ליעבע געהט אַזוי ווייט, אַז טראָץ דעם, וואָס זי איז א זעלבסטשטענדיגע, סאָלידע אָרגאַניזאַציאָן פון 31 הונדערט מעמבערס, מיט אַ רעזערוו־קאַפּיטאַל פון איבער 24 טויזענד דאָלאַר, מיט באַדייטענדע סורפּלוסען אין אַלע פאָנדען, איז זי גרייט צו יעדער מינוט איבערגעבען אַלץ, וואָס זי פאַרמאָגט, יעדען מעמבער און יעדע פּעני אין דעם רשות פון אַרבייטער־רינג. אין דער ווירקליכקייט באַטראַכטען זיך אַלע ל. ל. מעמבערס אַפילו יעצט פאר אַ. ר. מעמבערס. אויף איהר אָפיציעלע פאָהן גאַרטלען זיך אויך די רינגען אַרום דעם ערד־קוגעל און די אותיות אַ. ר. פאַרפאָלקאָמענען די עמבלעם...

אַן איינדרוקספולע, אונפאַרגעסליכע אַרבייטער דעמאָנסטראַציאָן, באַגלייט פון אַ מעכטיגען, כמעט שמערצפולען, אויסגעשריי פאַר איין אַרבייטער־רינג אין אַמעריקא — אַזוי קענען מיר אין קורצען באַראַקטעריזירען די ניינטע לייבאָר־ליעג קאָנוועגשאָן אין בראָקטאָן.

זייט זיכער, טייערע פריינדע פון מאַסאַטשוזעטס, דער אַ ר. וועט נישט רוהען און ראַסטען ביז אייער וואונש וועט ערפילט ווערען.

* * *

**דער לעצטער רוף**

עס איז שוין אָנהויב אָקטאָבער און דער פּאָליטישער קאַמפּיין איבער'ן לאַנד ברענט זיך פאַנאַנדער מיט יעדען טאָג אַלץ שטאַרקער. דעם פאָנד פון אַ מיליאָן דאָלאַר האָט מען עס טאַקע געקליבען פאַר דיזען צוועק. די געלדער מוזען יעצט אַלע גלייך אַריינקומען אין דזשענעראַל אָפיס, אויב מ'וויל, אַז עס זאָל ווערען עפּעס געטון פאַר זיי. קיין פיעל צייט איז נישט איבערגעבליבען. גיכע האַנדלונג מיינט צו באַקומען דעם מאַקסימום ערפאָלג, וואָס איז נור מעגליך. אונריהרעוודיגקייט און אָפּגעלאָזענקייט גרעניצען זיך קיינמאָל נישט מיט דער ליניע פון ערפאָלג. אין דעם פאַל אָבער קומט עס נאָהענט צו פאַרברעכען. יעדע פּעני, וואָס איז געזאַמעלט געוואָרען, מוז גלייך אַריינגעוואָרפען ווערען אין פייער־קעסעל פון קאַמפּיין און איבערגעשמאָלצען ווערען אין ווירקזאַמע וואַפען.

עס וואָלט אָבער געווען אַ טעות צו דענקען, אַז אין דיזען מאָמענט ענדיגט זיך שוין אונזער טעטיגקייט פאַר'ן פאָנד גופא און דאָס איינציגע, וואָס בלייבט נאָך איבער צו טון, איז נאָר אַריינשיקען דאָס געלד אין אָפיס. גראַדע פאַרקעהרט: אין דיזע לויפענדיגע וואָכען מוז נאָך געטון ווערען אַ ריעזיגע אַרבייט. מיר מוזען גרייבען די יעניגע עלעמענטען, וואָס בראָפּען געוועהנליך גאַנץ געשמאַק, און נאָר די סאַמע נאָהענטקייט פון דעם קאַמף ביי די וואַהל־קאַסטענס קען זיי אויפטשוכען. דערביי מוזען מיר אַליין, אָבער, ווייזען אַ גוטען בײשפּיעל. מיר אַליין, וואָס האָבען שוין געגעבען עטליכע מאָ פאַר דיזען פאָנד, מוזען, ווי שווער עס זאָל אונז נישט זיי ווייטער געבען און ווייטער נעמען פון אַנדערע און ווייט וועקען און רופען נאָך מיט מעהר מוט, מיט מעהר באַגיי טערונג. עטליכע וואָכען בלייבט נאָך איבער צו טון אַ ריעז אַרבייט, מיט וועלכע מיר וועלען מיט יאָהרען שפּעטער מעג שטאָלצירען. מיר וועלען קענען מיט פולען רעכט זיך באַרי מען: אין אַ צייט פון ענטוישונג, פון רעאַקציע, פון רדיפ און מיש־מאַש אין מוחות, האָבען מיר געהאַט דעם מוט אַ ריעזען־פאָנד צו זאַמלען, אַזעלכע ברייטע פּלענער פאַנאַנד וויקלען, אַזעלכע גרויסע און שווערע קעמפּפע אויפצונעמען. אין אייערע פינגער, פריינדע, שטעקט יעצט די פען, וואָס ק אויפשרייבען נאָך אַ גלענצענדע שורה אין דער היסטאָר פון אַרבייטער־רינג.

שרייבט איהר, און אַזוי שעהן און ריין, ווי איהר קענ

* * *

**בײדע הענד צולײגען**

אַז מ'זאָגט אָבער אלף מוז מען שוין או זאָגען בית. נעמען מיר אַן אַנטייל אין אוי הויבען דעם ריעזען־פאָנד פאַר סאָציאַליסטיש פּראָפּאַגאַנדאַ און פּאַרטיידיגונג, וואָלט פון אונז געווען, שׁ אַן אונזין בלייבען ביי דעם אַליין און נישט מאַכען נאָך אַ טרי עס איז נישט נור אַ געבאָט אויסגעהאַקט אויף די לוחות פ אַרבייטער־רינג־קאָנסטיטוציע צו שטימען פאַר די ס ציאַליסטישע פּאַרטיי־קאַנדידאַטען, נור די גאַנצע געשיכטע פ אַרבייטער־רינג איז אַדורכגעשפּונען און אַדורכגעוועבט מיט טראַדיציע, וואָס האָט נישט צו זיך פיעלע גלייבענס. איה ברענטשעס באַטייליגען זיך אומעטום, ווי רעגעלע סאָציא ליסטישע ברענטשעס אין די שווערסטע אַרבייטען פ קאַמפּיין, אָנהויבענדיג מיט ליטעראַטור־פאַרשפּרייטונג א קענוועסינג און ענדיגענדיג מיט דער שמירה איבער די פּאָ און שטימען־צעהלונג. דאָס איז שוין אַריינגעגאַנגען אין בלוט און פלייש פון גאַנצען אַ. ר. זעלטען ווען, פּלעגט ז טרעפען אַ טרויעריגע אויסנאַהמע מיט איינעם פון אונזע פאַרוואָרפענע ברענטשעס. אָבער דאָס האָט זיך געפיהלט א שאַנד־פלעק, וואָס פלעגט טאַקע גלייך אָפּגעווישט ווער

מיר האָבען שטענדיג צוגעלעגט אויך אַ האַנד צו דער צ בייט אַלס אַ הוספה צו דער מטבע. מיר וואָלטען זיך אָב געפיהלט אויסערגעוועהנליך שטאָלץ און גליקליך, ווען אונזע ברענטשעס זאָלען אין דער יעצטיגער צייט צולעגען ביי הענד צו דער אַרבייט. לאָמיר זיך אַריינוואַרפען מיט אונז גאַנצער לייב און זעעלע אין דיזען אונגלייכען קאַמף, ווי דער פּאָליטישער אָרגאַניזירטער אַרבייטער־קלאַס אין אַמערי האָט אַדורכצומאַכען אין די נעקסטע עטליכע וואָכען.

זאָל אויך איבער יעדער געשטורעמטער פּאָזיציע אין נ ווענבער שוועבען הויך און שטאָלץ די פאָהן פון אַרבייט רינג!

* * *

**אונזערע ימים־טובים**

אַ גרויסען יום־טוב האָט דער אַרבייטער־ר אין שיקאַגאָ געפייערט לעצטען חודש: דעם פ צעהן־יעהריגען יובילעאום פון בר. 32, דעם ע שטען ברענטש אין שיקאַגאָ. פאַר די, וואָס האָבען נישט האָט קיין געלעגענהייט נאָכצופאָלגען די ענטוויקלונג פון ד אַרבייטער־באַוועגונג אין שיקאַגאָ, וועלען מיר נאָר זאָגען

קורצען, אז אין דעם ערשטען סעפּטעמבער 1903 איז מיט דער גרינדונג פון בר. 32 א. ר. געלעגט געוואָרען דער ווינקעל־שטיין פאַר דער שעהנער און ברייט פאַנאַנדערגעצווייגטער שיקאַגאָ'ער ארבייטער־באוועגונג. די יעצטיגע מעכטיגע שיקאַגאָ'ער יוניאָנס, די סאָצ. פּארטיי ברענטשעס, די יאָנג פּיפּעלס סאָשעליסט ליעג ברענטשעס, די אַרבייטער מוזיקאַלישע פּאַראײנען און בילדונגס־גרופּען, דער וואָירקערס אינסטיטוט, די איין און פערציג ברענטשעס פון ארבייטער־רינג און די אידישע טעגליכע סאָציאַליסטישע צייטונג „די וועלט" — קע[illegible]ן אַלע בליקען צו דעם 1טען סעפּטעמבער 1903, אַלס דעם טאָ[illegible] אין וועלכען עס זיינען פאַרזעעט געוואָרען די ערשטע פּרוכטבאַרע זוימען פאַר זייער עקזיסטענץ און ענטוויקלונג.

* פיעל האָט אָהן שום צווייפעל ביינעשטייערט דער פאַקט, וואָס די קליינע ענטוזיאַסטישע גרופּע, וואָס האָט געגרינדעט דעם ברענטש 32, איז געווען באַזעעלט מיט דעם סאָציאַליסטישען גייסט און דעם אַרבייטער־רינג. דער בר. 32 איז נאָך אפילו ביז אין די לעצטע יאָהרען באקאַנט געווען אַלס „דער סאָציאַליסטישער ברענטש". עס איז נור אָט דער ברייטער שטאַנדפּונקט און טיעפער בליק, וואָס האָט באהערשט די ערשטע גרינדער פון א. ר. אין שיקאַגאָ, וואָס איז פאַראַנטוואָרטליך פאַר איהר שעהנער און סאָליד־אָרגאַניזירטער אַרבייטער־פאַמיליע.

דריי און צוואַנציג מענשען האָבען עס דיזען גרונד־שטיין געלעגט. אַזוי פיעל זיינען געווען צום אינסטאָליישאָן פון בר. 32. יעצט צעהלט דער אַרבייטער־רינג אין שיקאַגאָ דריי טויזענד, פיער הונדערט און דריי און פערציג מעמבערס אָרגאַניזירט אין איין און פערציג ברענטשעס. זיין איינפלוס, אָבער, לאָזט זיך נישט צעהלען און מעסטען. ער פיהלט זיך אין יעדען ווינקעלע פון אַלע דריי שיקאַגאָ'ער אידישע געהעטאָס. מיט זיין גייסט אטהעמט עס דאָרטען איבעראַל, וואו נאָר אידישע אַרבייטער שאַפען און קעמפען.

דער יום־טוב, אַלזאָ, פון בר. 32 איז דאריבער געווען דער יום־טוב פון דער גאַנצער אַרבייטער־רינג און אַרבייטער־באַוועגונג אין שיקאַגאָ.

שעהנע יום־טובים האָבען אויך געפייערט דער בר. 15 אין האַרטפאָרד און בר. 210 אין ניו־יאָרק. דער ערשטער האָט געפייערט צוויי יום־טובים מיט אַמאָל: זיין אכטצעהן־יעהריגען יובילעאום און זיין „אריינמופען" אין לייבאָר ליסעאום. דער צווייטער האָט געפייערט זיין צעהן־יעהריגען יובילעאום. אינטערעסאַנט איז אויך, וואָס בר. 15 האָט איהם געפייערט מיט א גרויסאַרטיגען באַנקעט, אויף וועלכען עס איז אריינגענומען געוואָרען ארום 45 מעמבערס און איבערגעלאָזען די קלייבונג פאַר'ן מיליאָן דאָלאַר פאָנד אויף אביסעלע שפּעטער. בר. 210 ווידער האָט אויך געפייערט דורך א באַנקעט, אָבער מיט פאַרקעהרטע רעזולטאַטען: ער האָט גלייך געשאַפען 150 דאָלאַר פאַר'ן מיליאָן דאָלאַר פאָנד און איבערגעלאָזען דאָס אריינגעמען פון נייע מעמבערס פאַר אַ צווייטען מאָל. צי אַזוי, צי אַזוי — קענען מיר מיט א לייכטען הארצען זאָגען: „באָים, ווי אַר פּראַוד אָוו יו".

מיט אַזעלכע ברענטשעס, ווי פופצעהן, צוויי און דרייסיג און צוויי הונדערט און צעהן, מעגען מיר שטאָלצירען.

* * *

**אונזערע קונסט־ און בילדונגס־ אָפּטיילונגען**

פון פאַרשידענע ערטער הערען מיר וועגען דער גרינדונג פון נייע מוזיקאַלישע גרופּען קינדער־שולען, כאָרען, דראַמאַטישע קרייזען, לייבאָר־ליסעאומס און אַזוי ווייטער. אונזער טעטיגקייט רייסט זיך כסדר אַריין אין נייע געביעטען און נעמט אָן פאַרשידענע פאָרמען. דער אַרבייטער רינג ווערט אַדורכגעפלאָכטען, וואָס ווייטער אַלץ מעהר, מיט אַ נעץ פון קולטור־טראָגענדע אינסטיטוציאָנען, וועמענס איינפלוס און ווירקונג וועט זיך מיט דער צייט לאָזען גאַנץ שטאַרק פיהלען.

אָהן שום צווייפעל האָבען די דריי אַרבייטער רינג קונסט־אָפּטיילונגען אין ניו־יאָרק פיעל סטימולירט דעם דראַנג נאָך אַזעלכע אינסטיטוציעס אין דער פּראָווינץ. דער אַרבייטער־רינג כאָר, די פרייע אידישע ביהנע און די מוזיקאַלישע א. ר. געזעלשאַפט, ברענטש 615, איבען אויס זייער איינפלוס ווייט איבער די גרעניצען פון ניו־יאָרק. זייענדיג אין פּראָצעס פון ענטוויקלונג און פּראָגרעס וועט זייער איינפלוס מיט דער צייט זיך נאָך מעהר לאָזען פיהלען. איבערהויפּט מערקט זיך א שנעלער טעמפּ פון פּראָגרעס אין דעם א. ר. אָרקעסטער. ער וואַקסט, ווי דורך א כישוף, אין צאָהל, ווי אין חשיבות. אויפ'ן לעצטען קאָנצערט אין די בראָנקס, וואו ער איז אַרויסגעטראָטען אין די אינטערעסען פון סאָציאַליסטישען קאַמפּיין, האָט ער איינפאַך אַלעמען איבערראַשט.

אונזערע מעמבערס ווערען אויפגעפאָדערט צו זיין שטענדיג גרייט צו העלפען די ענטוויקלונג און פאַרשפּרייטונג פון דיזע קולטור־אינסטיטוציאָנען. מיר זיינען, באמת, אַ בענעפיט אָרגאַניזאַציאָן, אָבער נישט נאָר פון „סיק", „רעטה", „סאַניטאַריום" און „קאַנסאַמפּשאַן" אַליין, נאָר אויך פון נשמה בענעפיט.

* * *

**נאָרטה און סאוטה**

מיר מעלדען אונזערע מעמבערס די פרעהליכע בשורה, אַז אונזער לעגאַליזאַציאָנס־אַרבייט, וואָס מיר האָבען לעצטענס אונטערנומען צו מאַכען דעם אַרבייטער־רינג לעגאַל אויך אין די סטייטס, וואָס האָבען האַרבע אינשורענס־געזעצען, הויבט זיך שוין אָן צו קרוינען מיט ערפאָלג. פון מעין און פלאָרידא, די ערשטע אין די נאָרטה און די צווייטע די ווייטסטע אין דער סאוטה, האָבען מיר שוין ערהאַלטען העפליכע איינלאַדונגען פון די אינשורענס־קאָמישאָנערס, מיר זאָלען שוין אָנהויבען צו טון דאָרטען ביזנעס.

זייט געדולדיג און פול מיט האָפנונג, איהר פריינדע פון די איבריגע סטייטס, וואו מיר זיינען נאָך נישט אנערקענט. מיר ווילען אונזער אַרבייט נישט אָפּשטעלען ביז דער גאַנצער אַרבייטער־רינג וועט אין אַלע סטייטס און קענעדא פאַרנעמען זיין פאַרדיענטען, כשר'ן פּלאַץ.

* * *

[illegible]ליכען מזל־טוב צו אונזער ווערטהען מיטאַר־בי[illegible] אין דזשענעראל סעקרעטאר, פריינד י. באַסקין, צו [illegible] חתונה.

די רעדאַקציע.

אב. וויקטאָר

# אין קראַנקע טעג

.1

עס שלייכען שאָטענס אום אַרום די ווענד,
און אויף די שפּיצען פינגער עמיץ קוים וואָס טרעט.
עס רוישט אין קאָפּ, און עטוואָס פיינליך בּרענט,
עס הוידען זיך די ווענד, און ס'שווימט די בעט.

אין לופטען שווימט מיין בעט, און פאַלט אראָפּ,
און הויבט זיך ווידער אויף, עס שווינדעלט אַזש אין קאָפּ.

עס דונקלער ווערט. עס קומט די נאַכט אַן באלד.
דער לאַנגער, קראַנקער טאָג האָט מיר קיין רוה געבראַכט.
איך קוק זיך אום, דערזעה אַ שוואַרץ געשטאַלט,
עס שרעקט מיך און עס גרוילט די לאַנגע נאַכט, —

די שווערע לאַנגע נאַכט זיך ציהט אָהן ענד,
עס שלייכען שטומע שאָטענס אום אַרום די ווענד...

.2

עס הוליען די שדים און הוליען אָהן שיעור;
זיי טאַנצען און שפּרינגען דורך פענסטער און טיר,
און באלד זיך צופּאַכטען אויף לעבען און טויט,
עס זידען די בלוטען אַזוי הייס, אַזוי רויט.
און שלאָגט עס מיט האַמערס אין ברוסט און אין קאָפּ,
אַ וואַגשאַל זיך שאָקעלט אַרויף און אַראָפּ,
און ציטערט, און ציטערט אַזוי אין די הענד...
עס שרפה'ט אַ פייער, און סמאָליעט, און ברענט,
און ענדלאָז עס ציהט זיך און ציהט זיך די נאַכט.
עס הוליען ניט־גוטע, — געטאַנצט און געלאַכט. —
און וואַרפט עס, און שליידערט אין קעלט און אין היץ —
אַ, קום שוין, פריה־מאָרגען, און טהו כאַטש אַ שפּריץ
מיט דיינעם אַ רוהיגען, ליכטיגען שיין,
פערטרייב די ניט־גוטע, און שטיל זאָל שוין זיין.

.3

וואָלט איך איצט געקענט אין פעלד זיין,
צווישען גראָז און זאַנגען.
וואָלט איך זיך צוזאַמענגיסען
מיט דעם פעלד־דופט, מיט דעם זיסען
ביז כ'וואָלט אויסגעגאַנגען.

און דערנאָך איך וואָלט פערשוואונדען
אין דעם רוים, דעם קלאָרען...
הער איך עמיץ מיך בעדויערט,
שאָקעלט מיט'ן קאָפּ פערטרויערט:
„אוי! ער איז פערלאָרען" — — —

.4

איך ווייס ניט, געדענק ניט, ווי דאָס איז געשעהן.
איך ווייס נור, געדענק נור אַ ווילדען גערויש,
ווי מהנות פון ערגעץ זיך רייסען אַרויס,
קיין קול ניט צו הערען, קיין פּנים צו זעהן.

און אפשר דער ים האָט געעפענט זיין תהום
די ערד צו פערפלייצען, און אלץ וואָס אויף איהר?
צי ווער האָט פון גיהנם געעפענט די טיר,
געלאָזען פריי לויפען פון שוועבעל אַ שטראָם?

צי אפשר דער הימעל געמאַכט האָט אַ בונט
אקעגען דעם בורא, צוטרייסעלט זיין טראָהן?
און אפשר גאָר מענשען דאָס האָבען געטאָהן,
פער'הרוב'ט, פערוויסט אַלץ פון דאַך ביז צום גרונט?...

קיין קול ניט צו הערען, קיין פּנים צו זעהן,
נור אַלץ האָט געריהעט, געקנוילט זיך אין רויך.
עס דריקט עס, עס שטיקט עס, פערצוקט עס מיך אויך, —
נור דאָ האָב איך פּלוצלינג, מיין פריינד, דיך דערזעהן.

איך פיהל אויף מיין שטערען דיין צאַרט־ווייכען גלעט.
עס פלעכטען זיך שטראַהלען אַרום דיינע האָר.
„דער קריזיס אַריבער!" דאָס איז מיר שוין קלאָר,
ניי־לעבען וועט קומען, ס'וועט קומען, עס וועט — — —

---

דעטראָיט, מיש., 1918.

# די ערציהונגס־פראגע און דער אידישער ארבייטער

(צו די קולטורעלע פּראָבלעמען פונ׳ם ארבייטער רינג).

פון א. ליטווין

דער ארבייטער רינג איז געבאָרען געוואָרען פון דיזעלביגע סבות און צוליעב דיזעלבע ציעלען, וואָס אַלע אנדערע סאָסייעטיס און לאָדזשעס אין אמעריקא. דער אמעריקאנער שטאאט מישט זיך ניט אריין אינ׳ם אינערליכען לעבען פון די איינגעוואנדערטע. ער זאָגט צו זיי: איך גיב אייך פרייהייט, די, וואָס איהר האָט אין דער היים פריהער ניט געהאט. מעהרט אייך און פרוכפּערט אייך, אָרגאניזירט אייך און אָרדענט איין אייער לעבען, ווי אייך געפעלט. בלויז גיט אכטונג, אז וואָס איהר טוט, זאָל ניט זיין געגען די געזעצען פון לאנד.

דאָס איז די מעלה פון אמעריקאנער פרייהייט. דאָס איז אָבער אויך איהר גרויסער חסרון. ווען מיר באטראכטען די רעגיערונג, אַלס גוטמוטיגען העכערן אָפּעקון און דאָס פאָלק אַלס קינדער, אָדער אונטערגעוואָרפענע אָפּעקירטע מענשען; איז די בעציהונג פונ׳ם אמעריקאנער שטאאט צום איינגעוואנדערטען א ריכטיגע, א נאָרמאַלע, אַ פרייהייטליבע. אָבער נאָך אונזערע איצטיגע באגריפען איז און דארף ניט זיין די רעגיערונג פון א דעמאָקראטישען שטאאט אזא מין קערפּערשאפט, וואָס איז געשטעלט העכער פאר׳ן פאָלק, וואָס האָט דעם קלענסטען שפור פון עפּעס עהנליכעס אויף דער ראָלע פון אַן אָפּעקון. אַלס פשוט׳ע עקזעקוטיווע מאכט פונ׳ם פאָלק׳ס ווילען דארף זי ניט שטעהן פון דער ווייט, און ניט איבער דעם פאָלק, אַלס גוטמוטיגער פּאָרמאָן, וואָס קומט צו פון צייט צו צייט צום ארבייטער קאָנטראָלירען זיין ארבייט, געבען איהם אַן עצה, אָדער מאכען איהם א פאָרוואורף ווען די ארבייט איז ניט גוט.

אַלס עקזעקוטיווע מאכט פון דעם קאָלעקטיווען פאָלקס־ווילען דארף די רעגיערונג פון אַן אמת דעמאָקראטישען שטאאט ניט שטעהן אָן א זייט, ניט שטעהן גרויסמוטיג־שטאָלץ איבער דעם פאָלק, אַלס זייטיגע, זעלבסטשטענדיגע קערפּערשאפט. זי דארף אָנפיהרען אומעטום דורך איהרע לאָקאלע טיילען די אָרגאניזירענדע ארבייט, אקטיוו, אָבער אונבאמערקט, לייטענדיג די איינצעלנע גרעסערע און קלענערע גרופּעס, דורך זיי, די גרופּעס אַליין, אזוי אז איהר, דער רעגיערונג׳ס דערביי זיין, זאָל זיך פיהלען, אָבער זאָל זיך ניט מערקען.

זעהר א גרויסער טייל פון דער פילאנטראָפּישער, עקאָנאָמישער און סאָציאַלער ארבייט פון די איינצעלנע אָרגאניזאציעס אין לאנד, די אַלע אינשורענס, אונטערשטיצונג, אַלטער און קראנקען־באזאָרגונג ווערט אין אַלע דעמאָקראטישע לענדער וואָס ווייטער אַלץ מעהר די אויפגאבע פונ׳ם שטאאט. דיזעלבע ארבייט, געטאָן אין א ריעזיגען פאָרמאט פונ׳ם שטאאט, און בלויז קאָנטראָלירט דורך די פאָלקס־רעגיערונגען אויף די ערטער, באקומט א ווייטערן פעלד, א העכערן שוואונג, א מעהר איינהייטליכען פּלאַן; קאָן דעריבער אָננעמען א מעהר דעמאָקראטישען און מעהר ראדיקאלען כאראקטער. די לאָקאלע פאָלקס־אָרגאניזאציעס בלייבט מעהר צייט פאר ברייטערע און טיעפערע ערציהונגס־ארבייט אין פאָלק; פאר פּאָליטישער, פאר ברייטערער סאָציאַלער ענטוויקלונג; פאר עסטעטישער ערציהונג פון דער יוגענד און פון די מאסען.

אין אמעריקא געהט די רעגיערונגס־ארבייט אויף אַן אנדער וועג. די ערציהונגס־ארבייט, וואָס מוז זיין זעהר אינדיווידועל, מעהר אָנפּאַרטרויט דער געזעלשאפט אַליין, ווערט אָנגעפיהרט פון דער צענטראַלער רעגיערונג. די סקוהל ווערט דורך דעם פארוואנדעלט אין א קאזארמע.

איך מיין ניט צו זאָגען, אז די העכערע רעגיערונג מישט זיך אריין אין לאָקאַלען לעבען פון דער סקוהל. די שולע איז פון אויבען־אויף אויטאָנאָם. די שטאָדט־ אָדער שטעדטעל־פארוואַלטונג האָט אויף איהר די גאנצע דעה. יעדע סקוהל האָט איהר עלטערן־קאָמיטעט, וואָס זאָגט ארויס — ריכטיגער — וואָס האָט רעכט ארויסצוזאָגען מיינונגען וועגען דער ערציהונג פון קינדער אין דער סקוהל. מיט איין וואָרט: אין דער טעאָריע און אפילו אין דער פּראַקטיק איז די סקוהל, ווי אַלץ אינ׳ם לעבען פונ׳ם לאנד, דעמאָקראטיש. אין אמת׳ן אָבער איז דער רעזשים פון דער אמעריקאנער סקוהל א שארף אויסגעדריקטער „צענטראַליסטישער“. אַלע שולען געהען נאָך איין סיסטעם. ניט בלויז די עלטערן פון די קינדער, נאָר אפילו די איינצעלנע לעהרער, זיינען ניט אין שטאנד מאכען גרויסע ענדערונגען אין דער ערציהונגס־סיסטעם פון דער פּאָבליק־סקוהל. אַלעס געהט פון אויבען אראָפּ. אַלעס איז דורכגעדרונגען מיט׳ן גייסט פונ׳ם קאפּיטאַליזם.

פאראנען, נאטירליך, אויך אויסנאהמען פון דעם כלל. אין איינצעלנע פאַלען גיט זיך איין עלטערן און לעהרער צו האָבען א ווירקונג אויף דער ערציהונגס־סיסטעם פון דער שולע. עס ווערען געמאכט אין אמעריקא, אזוי ווי אין אייראָפּא, עקספּערימענטען אוועקצושטעלען די ערציהונג אויף א געזונטערן פונדאמענט. אָבער די דאָזיגע פּראָבעס בלייבען לאָקאַלע רעפאָרמעס. זיי האָבען ניט קיין שום וויכטיגע באדייטונג פאר דעם גאנצען לאנד. אפילו די באריהמטע גערי־סיסטעם, וואָס איז אין תוך א פּראָטעסט געגען דער גייסטלאָזער און האַרצלאָזער קאזארמע־ערציהונג פון דער אמעריקאנער גרויסער שטאָדט; א פּראָבע צו שאפען פון דאָס קינד, אנשטאט מאשינען־פלייש און — אין בעסטען פאַל — ביזנעס־לייט, ביוראָקראטען און פּאָליטישענס — גאנצע מענשען מיט א געזונטער נשמה; אָט די גערי־סיסטעם, זאָג איך, אריינגענומען אין די הענד פון קאפּיטאַל און פּאָליטישענס, איז פארוואנדעלט געוואָרן אין א מין טיילאָר־סיסטעם, וואָס פארמאשינעוועט נאָך מעהר די נשמה פון דאָס קינד, ווי די אַלטע סיסטעם.

אידישע קינדער, איבערהויפּט די קינדער פון אידישע ארבייטער, ליידען נאָך מעהר, ווי קינדער פון אנדערע, פריש איינגעוואנדערטע פעלקער. ווייל אין קיין פאָלק מאכט די אמעריקאנער קאפּיטאַליסטישע סקוהל־ערציהונג ניט אזא טיעפען ריס אין דער פאמיליע, ווי ביי דעם אידישען פאָלק. דאָס איז דערפאר, וואָס ביי דעם אידישען פאָלק האָט די ערציהונג פון קינדער געשפּיעלט, נאָך פון אמאָל אָן, זעהר א וויכטיגע ראָלע אין דעם לעבען פון דער פאמיליע. מ׳קען זאָגען זי האָט געשפּיעלט די הויפּט־ראָלע אין פאמיליען־לעבען. און דאָ איז ניט געווען קיין אונטערשיעד צווישען עלטערע און אינגערע דורות, צווישען פרומע און פריידענקער, צווישען אָרים און רייך. אויסגעשלאָסען פון דער ארומיגער פעלקער־געזעלשאפט דורך טויזענדע יאָהרען; איינגעשלאָסען אין זיך אַליין האָט דאָס אידישע פאָלק געמוזט זאָרגען מיט אייגענע קרעפטען און מיט אייגענע מיטלען פאר דער ערציהונג פון זיינע קינדער. פון איין זייט, פון דער מאטעריעלער, איז דאָס געווען א גרויסער חסרון. „צער גדול בנים“ ביי די אָרימע קלאסען איז געווען דער גרעסטער, דער שמערצליכסטער צער. אָבער פון דער אנדער זייט איז דאָס געווען א גרויסע מעלה. ווייל דער שטאאט האָט זיך ניט אריינגעמישט אין דער ערציהונג פון דעם אידישען קינד, האָט דאָס אידישע פאָלק ניט געהאט ביי זיך קיין קלאס פון טשינאָווניקעס, פון זשאנדארען און פּאָליציסטען, פון העכערע און נידעריגערע ביוראָקראטען. פון אָט די אַלע קאטעגאָריעס פּאראַזיטען און פאָלקס־דריקער ווייס ניט דאָס אידישע פאָלק. וועניגסטענס האָט ער פון זיי ניט געוואוסט ביז די לעצטע פופציג יאָהר. דער אידישער האנדעלקל[illegible] אויף אַלע זיינע חסרונות, איז קיינמאָל ניט געווען קיין קל[illegible] אייגענטליכען זין פונ׳ם וואָרט. מיט האנדעל האָ[illegible] שעפטיגט דריי־פערטעל פונ׳ם אידישען פאָלק.

און די איבריגע, אויב זיי האָבען ניט געהאַנדעלט האָבען זיי צוגעהאַנדעלט. און אויב זיי האָבען ניט צוגעהאַנדעלט, זיינען זיי שטענדיג געווען גרייט צוצוהאַנדלען. צווישען דעם גרויסען סוחר און דעם קליינעם איז ניט געווען קיין באַשטימטער גרעניץ. דער גרויסער סוחר איז אָפט געוואָרען אַ יורד, דער קליינער סוחר האָט זיך ניט זעלטען ארויפגעארבייט און געוואָרען אַן אויפגעקומענער נגיד. ווענינגסטענס אַ שטייפער באַלעבאָס. פעהיגקייטען און דער צופאַל האָבען געשפּיעלט אַ גרויסע ראָלע. אין די דונקעלע צייטען פון מיטעל־אַלטער איז דער אידישער סוחר'ישער קלאַס, ד. ה. די גרויסע מעהרהייט פון'ס אידישען פאָלק, געווען די אינטעליגענץ פון די פעלקער. דאַן איז אַלעס געווען ענטוועדער שקלאַף, אָדער שקלאַפען־האַלטער. די אידען אַליין האָבען געבילדעט, אין זיך אַליין, אַ פאָלק פון פרייע בירגער, זיי אַליין האָבען, דורך אַ וועלט פון שקלאַפהייט, ניט געוואוסט ביי זיך פון „קנעכט" און „האר". דער פרייער האַנדעל האָט געמאַכט דעם אידישען סוחר פאַר אַ וועלטליכען, ענטוויקעלטען מענשען. בשעת עס איז אָנגעקומען די גייעסטע עפּאָכע, וואָס איז באַקאַנט אין דער היסטאָריע מיט דעם נאָמען: „די עפּאָכע פון אויפלעבונג פון וויסענשאַפט און קונסט", האָט דער אידישער האַנדעלס־קלאַס, ווייל ער איז געווען ענטוויקעלטער, וויסענס־דורשטיגער, האָט געהאַט אַ מעהר דיסציפּלינירטען גייסט, און—דער עיקר—האָט געהאַט מעהר פרייע צייט—זיך אַ וואָרף געטאָן צו דער השכלה מיט אַזאַ דורשט און ליידענשאַפט, וואָס האָט קיין ביישפּיעל ניט אין דער געשיכטע.

די השכלה האָט אָבער די אידישע יוגענד ניט געקראָגען אויפ'ן נאַטירליכען וועג. דאָס אידישע פאָלק האָט טייער באַצאָהלט מיט דעם אויטאָנאָמישען בוי פון זיין לעבען, וואָס עס האָט מיט אַזוי פיעל קרבנות, מיט אַזוי פיעל יסורים אויסגעקעמפּפט און אויסגעליטען דורך הונדערטער און הונדערטער יאָהרען. מיט אַלע איהרע חסרונות איז די אידישע שולע געווען אַ פּראָדוקט פון דעם אינערליכען אידישען לעבען. איז געווען צוגעפּאַסט צום בוי פון דער אידישער פאַמיליע, פון דער אידישער געמיינדע, ווי די און יענע האָבען זיך היסטאָריש ענטוויקעלט. די אַלגעמיינע שולע איז שוין דערמיט גופא געווען פרעמד דעם אידישען גייסט, וואָס זי איז געווען אַ קריסטליכע, און געווען אַלס אַזעלכע אין העכסטען גראַד פיינדליך דעם אידישען גייסט, וואָס האָט דורכגעדרונגען די אידישע שולע, די אידישע פאַמיליע, דעם גאַנצען אידישען לעבען. אידענטום און קריסטענטום, אַלס צוויי געגענגעזעצליכע וועלט־אַנשויאונגען, האָבען געפיהרט פאַר דער גאַנצער צייט, זינט קריסטענטום איז געבאָרען געוואָרען, אַן אונאויפהערליכען ערביטערטען קאַמפּף. טויזענדער־יעהריגע פּייניגונגען און פאַרפאָלגונגען האָבען ניט געקאָנט דעם ווידערשפּעניגען אידישען גייסט אויסראָטען אָדער באַזיעגען.

אָבער וואָס די אינקוויזיציע האָט ניט געהאַט ביכולת צו טאָן, האָט עס געמאַכט די קריסטליכע שולע, פריהער אין דייטשלאַנד, דערנאָך אין רוסלאַנד, דערנאָך אין אַמעריקאַ. ניט קוקענדיג אויף דעם גרויסען אונטערשיעד פון אָט די דריי קולטורען צווישען איינאַנדער, איז דאָך זייער תוך כמעט דערזעלבער. זייער ציעל איז איינשלינגען אין זיך די קולטורען פון די שוואַכערע, קלענערע פעלקער, פאַרניכטען זייער נאַציאָנאַלע אייגענטימליכקייט און איינפּרעסען זיי אין דעם פורם פון אַ פרעמדער קולטור. ניט ווייל אָט די פרעמדע קולטור איז בעסער, איז שענער, איז רייכער. נאָר ווייל זי איז שטאַרקער, זי איז שטאָלצער. זי איז צו שטאָלץ און צו גראָב עגאָאיסטיש, אַז זי זאָל ערלויבען צוזאַמען מיט זיך עקזיסטירען קולטורען פון אַנדערע. אַז די קולטורען פון די שטאַרקע און גרויסע קאַפּיטאַליסטישע פעלקער זיינען גייסטיג אָרימער, ווייזט אונז באַשיינפּערליך דער פאַקט, אַז די לעצטע צוואַנציג יאָהר האָבען די ענגלישע, די דייטשע, די פראַנצויזישע ליטעראַטורען זעהר ווענינג געשאַפען אָריגינעלעס, וויכטיגעס. די ביהנע, די זשורנאַלען, די פערלאַגען פון ביכער נעהרען זיך כמעט אויסשליסליך מיט דער גייסטיגער שפּייז פון די פעלקער, וואָס זיינען כלומרשט אָפּגעשטאַנען אין ציוויליזאַציע. די קליינע נאָרד־אייראָפּעאישע פעלקער, מיט דעם האַלב־פּויערשען בוי פון זייער לעבען, דאָס פאַרשקלאַפטע רוסלאַנד און פּוילען, דאָס נאַציאָנאַל נאָר־וואָס ערוואַכענדע אידישע פאָלק—דאָס האַלב־מיטעלאַלטערליכע שטאַרק פאַרפּויערטע שפּאַנישע פאָלק—זיי אַלע שאַפען די לעצטע צעהנדליגע יאָהר גרויסע טאַלאַנטען אויף דעם געביעט פון פּראָזאַ און פּאָעזיע. זייערע ראָמאַנען, דראַמען און נאָוועלען ווערען פלייסיג איבערזעצט אין ענגליש, דייטש און פראַנצויזיש און גיסען אויף אַזאַ'ן אַרט אַריין פרישע בלוט אין די פאַרטריקענטע, האַלב־צופוילטע אָדערען פון די קאַפּיטאַליסטיש־אימפּעריאַליסטישע ליטעראַטורען.

די גרויסע געשעהענישען אין רוסלאַנד האָבען געגעבען אַ טויט־קלאַפּ דעם קאַפּיטאַליסטיש־אימפּעריאַליסטישען גייסט פון די גרויסע נאַציאָנען־וועלט־איינשלינגער. די קליינע, שוואַכע פעלקער קומען צום וואָרט. פאַראייניגט—באַקומען זיי אַ גרויסע מאַכט. זיי ווילען זיך ניט לאָזען איינשלינגען פון די גרויסע פעלקער. זיי ערוואַכען צו אַ נייעם לעבען. זיי ווייסען גאַנץ גוט אַז די שולע איז דער פונדאַמענט פון אַ פאָלקס קולטור און פון זיין אמת'ער פרייהייט.

און אומעטום אין גרויסען און ברייטען רוסלאַנד ווערט געבויט אַ נייע שולע, אַן אויטאָנאָמע נאַציאָנאַלע, אמת דעמאָקראַטישע פאָלקסשולע. יעדעס פאָלק האָט זיין שולע, ארויסגעוואַקסען אָרגאַניש פון זיינע אייגענע באַדערפעניישען און ניט אויפגעצוואונגען פון דער פרעמד מיט אונטערדריקענדע רויבערישע כונות. די שולע מוז האָבען איין שפּראַך — די שפּראַך פון די עלטערן וועמעס קינדער עס לערנען אין איהר. די שולע טאָר ניט אָברייסען די קינדער פון די עלטערן, פון זייער נאַציאָנאַלער היימישער סביבה. אַזוי ווי אליהו הנביא אין דער לעגענדע, דאַרף זי, פאַרקעהרט, היילען די פריהערדיגע ריסען פון דער פּאַלישער השכלה און כלומר'שטדיגער ציוויליזאַציע, זי דאַרף אומקעהרען די הערצער פון די קינדער צו די עלטערן און די הערצער פון די עלטערן צו די קינדער. די פאַמיליע וועט פאַראייניגט ווערען, ניט צוריסען ווערען, ווי זי איז איצט.

אַזאַ שולע ווערט איצט געבאָרען אין רוסלאַנד. זי איז און מוז זיין נאַציאָנאַל אין דעם אמת'ן אידיש'ן זין. און דעריבער איז זי דעמאָקראַטיש אין דעם אמת'ן זין. זי וועט אין גיכען איבערגעטראָגען ווערען אהער, צוזאַמען מיט די נייע ניט געפעלשטע דעמאָקראַטישע פּרינציפּען, וואָס האָבען זי געבאָרען. לאָמיר זיין דערצו גרייט.

---

עס איז גישט קיין קונץ צו געבען אַליין פאַר'ן מיליאָן דאָלאַר' פאָנד און יוצא זיין דערמיט. מ'דאַרף זעהן, אַז דער צווייטער זאָל אויך געבען און נאָך ווי געבען!

* * *

אונטער דער פּריציש'ער הערשאַפט איז דער אַרבייטער געווען צוגעשמידט צו דער ערד. אין דער יעצטיגער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט איז ער צוגעשמידט צו זיין דזשאָב. אין דער קומענדיגער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט וועט ער ערשט זיין פריי.

* * *

דער מיליאָן דאָלאַר פאָנד איז אַ באַנד, וואָס צאָהלט הונדערט פּראָצענט אינטערעסט

אויב איהר זוכט פון די, וואָס שטעלען גור דאַן איין אין קאָן, ווען זיי וויסען, אַז זיי וועלען זיכער געווינען — שטעלט איין אַ מטבע פאַר'ן מיליאָן דאָלאַר פאָנד. מיר וועלען זיכער אַמאָל געווינען...

* * *

סאָציאַליזם מיינט אַ סיסטעם, וואו אייער „בייטעל" וועט זיין אַזוי שווער, ווי אייער אַרבייט - און אייער אַרבייט אַזוי גרינג ווי אייער בייטעל.

* * *

מוטה, ווי ווענינג באַזיצען עס דיר! און די, וואָס באַזיצען דיר שוין יאָ, מוזען טאַקע זיצען — אין פּריזאָן.

# ווי מען מאַכט פּאַפּיער

פון עסעף.



אין די גאָר אַלטע צייטען האָט מען פון פּאַפּיער ניט גע־וואוסט. די אַמאָליגע פעלקער פלעגען זייערע נעדראַנקען איינ־קריצען אין שטיינער, ווי מיר טוען עס יעצט אויף מאָנומענטען. שפּעטער־צו האָט מען גענומען נוצען לײמענע ציגעל אנשטאט שטיינער. מען פלעגט אויף די ציגעל שרייבען, ווען זיי זיינען נעווען פייכט און ווייך און זיי נאָכדעם טריקענען. נאָך שפּע־טער האָט מען אָנגעהויבען שרייבען אויף טאָפּלען פון מעטאַל, ביין, קאָרע און אויף הילצערנע טאָפּלען בעדעקט מיט וואַקס. דיזע מאַטעריאַלען זיינען גענוצט געוואָרען ביז די עגיפּטער האָבען אויסגעפונען דעם סוד, אַז מען קען מאַכען פּאַפּיער פון דער פּאַפּיירוס פלאַנצע, פון וואָס עס איז, דענקט מען, געמאַכט געוואָרען די קעסטעלע אין וועלכער פרעה'ס טאָכטער האָט גע־פונען דאָס קינד, משה'ן. ווען די עגיפּטער האָבען דיזען פּאַ־פּיער געמאַכט צום ערשטען מאָל איז ניט באוואוסט, וואָהר־שיינליך פיעל פריהער איידער די אידען זיינען אנגעקומען אין מצרים.

פּאַפּיירוס איז אַ טונקעל־גרינע וואַסער־פלאַנצע, וועלכע וואַקסט אין נעדיכטע קוסטעס ארום דעם טייך נילוס אין עגיפּ־טען, און אין פּאַלעסטינא. עס געהערט צום קלאַס פּלאַנצען, וועלכע לעבען מעהר ווי איין יאָהר. די שטאַרק־ענטוויקעלטע וואָרצלען שיקען ארויס אַ גלאַטען דריי־זייטיגען שטאַם, אויף וועלכען עס וואַקסט אַ קעפּעל מיט לענגליכע בלעטלעך.

בלויז דער שטאַם פלעגט גענוצט ווערען אין מאַכען די פּאַפּיער. מיט אַ שאַרפען נעציינ פלעגען די עגיפּטער אָפּטיי־לען פון שטאַם דינע פּאַסען, וועלכע זיי פלעגען אויסשפּרייטען אויף אַ טיש מיט די לענגערע זייטען איינע צו די אנדערע און נעקרייציגט איינע איבער די אַנדערע. דאַן פלעגען זיי די אויסגעלייגטע מאַסע באַשפּריצען מיט קלעפּיגע וואַסער, דאָס צוזאַמענדריקען מיט גלאַטע שטיינער, טריקענען און ענדליך גלאַט מאַכען דורך רייבען מיט עלעפאַנט־ביין.

דיזער פּאַפּיער האָט זיך שנעל פאַרשפּרייט איבער דער וועלט. עס איז געווען דין, שטאַרק און ביליגער ווי יעדע אַנ־דערע זאַך וואָס איז גענוצט געוואָרען ביז יענער צייט. דער נעברויך איז אָבער נעווען פיעל גרעסער ווי די פּאַפּיירוס פלאַנצע האָט געקאָנט צושטעלען און מען האָט, דעריבער, גע־נומען זוכען עטוואָס אַנדעריש פון וואָס צו מאַכען פּאַפּיער.

פּאַרמעט, אָדער בערגאַמענט, איז נעווען די נעקסטע ענט־דעקונג. עס איז גענוצט געוואָרען דורך פיעלע יאָהרהונדערטע און ווערט נאָך יעצט אויך גענוצט אויף וויכטיגע דאָקומענטען. די אידען שרייבען נאָך יעצט אויף דעם מזוזות און ספרי תורות. פּאַרמעט ווערט אויסגעארבייט פון די פעל פון חיות.

עס איז יעצט אָנגענומען, אַז די כינעזער האָבען צום ער־שטען מאָל געמאַכט פּאַפּיער אויף דעם אופן ווי מיר טוען עס יעצט. די אַראַבער האָבען די ענטדעקונג מעהר ענטוויקעלט און די אייראָפּעער צוזאַמען מיט די אַמעריקאַנער האָבען דאָס נעבראַכט צו דער יעצטיגער שטופע. די מעטאָדע באַשטעהט אין אָפּטיילען די פעדים פון די פעדים־ריכע שטאָף, ווי סילק, וואָל, באַוועל, פלאַקס, האָלץ, שטרוי, גראָז און ד. ג. און דאָס צוזאַמענדריקען אין אַ שטאַרקע פלאַכע מאַסע.

שוין אכטצעהן הונדערט יאָהר ווי פּאַפּיער ווערט געמאַכט אויף אַזאַ אופן, אָבער האָלץ האָט מען ניט געוואוסט ווי צו נוצען ביז מיט קאָרגע צוויי הונדערט יאָהר צוריק, ווען דער פראַנצויזישער שרייבער און וויסענשאַפטס־מאַן, רימור, האָט אויף דעם אויפמערקזאַם געמאַכט. ער איז נעקומען צום גע־דאַנק, זעהענדיג ווי די וועספּע (אַזאַ מין פליעג) בילדעט איהר נעסט פון צופוילטע האָלץ. דיזע ענטדעקונג האָט מעגליך גע־מאַכט, אַז די געוועהנליכע פּאַפּיער זאָל קאָסטען פאַרהעלטניס־מעסיג ביליג. די בעסערע סאָרטען פּאַפּיער ווערען, ווי פריהער, נעמאַכט פון באַוועל און פלאַקס אָדער פון נייע און אַלטע שמאַטעס („רעגס").

פון ארום פיער הונדערט שטאָפען, וואָס ווערען יעצט גע־נוצט צו מאַכען פּאַפּיער, איז דער יעלאָווער בוים (סיפּרוס) דער וויכטיגסטער רויהער מאַטעריאַל. ער שטעלט צו די מעהר־סטע מאַטעריאַל פאַר ביליגע פּאַפּיער.

דאָס איז איינער פון די בוימער וואָס זיינען אַ גאַנצען יאָהר גרין. ער וואַקסט געוועהנליך אין די קעלטערע געגענדען און דערגרייכט אָפט אַן עלטער פון עטליכע הונדערט יאָהר. זיינע וואָרצלען צושפּרייטען זיך ווייט אָבער ניט טיעף אין דער ערד. דער שטאַם וואַקסט צו אַ דיק פון איינינע פוס און אַ הויך פון 150 פוס. די בלעטער זיינען אין דער פאָרמע פון קורצע, שטייפע און שפּיציגע נרינע נאָדלען, וועלכע בייטען זיך איינמאָל אין זיבען צו צעהן יאָהר. עקאָנאָמיש לוינט זיך איהם אויסצוהאַקען אין דעם עלטער פון פופציג ביז זעכציג יאָהר, ווייל נאָך דיזען עלטער וואַקסט ער זעהר לאַנגזאַם.

אויף צו מאַכען פּאַפּיער ווערט דער בוים צושניטען אין קורצע קלעצלעך, ארום צוויי פוס יעדע, און אריינגעוואָרפען אין אַ מאַשין, וועלכע שיילט פון זיי אָפּ די קאָרע, כדי די פּאַ־פּיער זאָל ארויסקומען אָהן פלעקען. דאַן ווערען די קלעצלעך צוריבען אויף גאַנץ קליינע שטיקלעך. דאָס ווערט געטאָן אויף אַ קיילעכדיגען שטיין, וועלכער דרעהט זיך זעהר שנעל. וואַסער לויפט שטענדיג אויפ'ן שטיין און שווענקט ארונטער די צורי־בענע האָלץ אין אַ גרויסער זיפּ, וועלכע טיילט אָפּ די סוקעס און צו גרויסע שטיקלעך האָלץ, אום די ארבייט זאָל ווייטער אָנגעהן אָהן שטערונג.

דאַן ווערט די צוריבענע האָלץ־מאַסע אויפגעמישט מיט פיעל וואַסער און ווערט אויפגענומען אויף אַ פוסטען דראָטע־נעם צילינדער, וועלכער האַלט איין די צוקוועטשטע האָלץ־פע־דים און ערלויבט די וואַסער אוועקצורינען. אויף אַזאַ אופן ווערט פון די קלעפּיגע מאַסע געבילדעט אַ דינע בלאַט ארום דעם צילינדער. דיזע בלאַט ווערט דאַן דורכגעלאָזען דורך מעהרערע רעדער, וועלכע דריקען פון איהר ארויס פיעל וואַסער, און נאָכדעם ווערט זי, מיט פיעלע אַנדערע, אונטערגעלייגט אונטער אַ שטאַרקען דרוק ביז זי ווערט מעהר אָדער ווענינער טרוקען און די פעדימלעך באַהעפטען זיך איינע אין די אַנדערע.

ווען די האָלץ־מאַטעריאַל דערגרייכט דיזע שטופע, ווערט דאָס אָנגערופען „פּאַלפּ". עס זיינען דאָ פיעלע פאַבריקען וועל־כע קויפען דיזען פּאַלפּ און ציהען דערפון פּאַפּיער. אַנדערע טוען אליין די גאַנצע ארבייט, ד. ה. זיי פאַרענדיגען אליין די פּאַפּיער. אַלענפאַלס, די פּאַפּיער ווערט ווידער צוריבען און נעבלייכט (ווייס נעמאַכט) מיט כעמישע שטאָפען. דאַן ווערט דאָס אויסגעמישט מיט וואַסער און איינינע מינעראַלען, ווי גיפּס, אַלום און קאַלאָפאַניע. דיזע מינעראַלען, געמישט אין דער ריכטיגער מאָס, מאַכען דעם פּאַפּיער שטאַרק, גלאַט און גלאַנציג. ענדליך ווערט די מאַסע אריינגעוואָרפען אין דער גרעסטער מאַשין פון פאַבריק. אין דיזער מאַשין ווערט די מאַטעריאַל, ווי פריהער, אויפגענומען אויף דראָטענע צילינ־דערס, נעדריקט, געטריקענט, נעפּאָלירט און נעוויקעלט, פאַר־טיג צום נעברויך.

אַזוי ווערט געמאַכט דער ביליגסטער סאָרט פּאַפּיער, פון דעם סאָרט וואָס מען נוצט אויף צייטונגען און ביליגע ביכער, און וועלכע ווערט געל אין אַ קורצער צייט. מען רופט דיזען סאָרט „מעכאַנישע פּאַפּיער". פאַר בעסערע פּאַפּיער, אָדער כעמישע פּאַפּיער, ווערט די פּאַלפּ פריהער נעקאָכט אין כעמישע שטאָפען אָדער עס ווערט געמישט אין נעוויסע פּראָפּאָרציעס מיט פּאַלפּ נעמאַכט פון רענס. וואָס מעהר רעג פּאַלפּ דעסטאָ בעסער ד[illegible].

די [illegible]נדוסטריע איז יעצט איינע פון די גרעסטע. די פאַר[illegible]זאַטען אליין פּראָדוצירען יעהרליך פּאַפּיער און פּאַ[illegible]ם ווערטה פון נאָהענט אַ האַלבען ביליאָן דאָלאַר [illegible]טינען אַרום הונדערט טויזענד ארבייטער.

# דער אָפּגרונד

(ערצעהלונג)

פון אברהם רייזען

אויסערליך האָט זיך בערקמאַן אין פאַרלויף פון די פיעלע יאָהרען, וואָס ער איז אין לאַנד, זיך אין גאַנצען אַמעריקאַניזירט. סיי אין זיינע מאַניערען, סיי אין אַרט פון ביזנעס פיהרען און סיי אין זיינע קליידער. וואָס אַנבאַטרעפט אָבער אינערליך, איז ער געבליבען דער זעלבער צאַרט־פיהלענדיגער און זאָגאַר סענטימענטאַלער מענשעל, ווי אין דער היים אין אַ רוסישער גובערנסקי שטאָדט, פון וואַנען ער איז אַהער געקומען צו אַבטצעהן יאָהר.

אין אָפיס, וואָס ער האָט געהאַלטען אַלס פאָרשטעהער פון אַ גרויסער האַנדעלס־אַגענטור, האָט ער זיך געפיהרט מיט אַ געוויסער שטרענגקייט. זיינע באַזוכער האָט ער אויפגענומען מיט דער באַגרענצטער עטיקעט פון אַ געניטען ביזנעס־מאַן, ניט צו־אָפט געשמייכעלט, ניט צו־פיעל איינגערעדט. געמאַכט אַ מינע, ווי עס איז איהם אַלץ איינס דער יאָ און דער ניין. אַמאָל גאָר האָט ער דעם קליענט איינגערעדט ניט צו מאַכען דאָס געשעפט. געוואָלט איהם ווייזען, דעם קליענט, אַז ער, בערקמאַן, איז אַ ראַיעלער מענש און יאָגט זיך ניט נאָך איבעריגע פּראָפּיטען.

מיט דער מיידעל, וואָס פלעגט ביי איהם אַרבייטען אַלס סטענאָגראַפערין און מאַשין־שרייבערין, פלעגט ער זיך באַגעהן העפליך, אָבער אויך גענוג שטרענג. איבערהויפּט דאַן, ווען זי איז געווען באַזונדערס שעהן און צוציהענד און זי האָט געוואוסט, אַז ער איז נאָך אַ בחור און ער פאַרדיענט שעהנע טויזענדער יעהרליך. איז אָבער צו איהם אַריינגעפאַלען אין אָפיס אַ טייפּרייטערין אַן עלטערע און מיט אַ ניט באַזונדערס סימפּאַטישע אויסערליכקייט, האָט ער זיך שוין צו איהר באַצויגען מיט אַ געוויסער פּאָטערליכער באַציהונג, כאָטש אויך שטרענג, אָבער שוין אַ מעהר געקינסטעלטע שטרענגקייט. קיין איבעריגע געשפּרעכען אויסערהאַלב די ביזנעס האָט ער אָבער מיט קיין איינציגער פון די דאָזיגע מיידלעך ניט געפיהרט. מורא האָבענדיג זיי זאָלען זיך אָן איהם ניט אָנטשעפּען אויף אַן אמת'ן און שטעלען איהם געוויסע פאָדערונגען, וואָס זאָל ביי איהם רויבען די פרייהייט אויף אייביג.

ער האָט טעאָרעטיש ליעב געהאַט דאָס לעבען פון אַ „בעטשלער“, ווי ער האָט זיך די לעצטע יאָהרען גערופען. אין אמת'ן אָבער האָט ער געבענקט נאָך אַ חבר'טע אין לעבען. ער האָט בלויז מורא געהאַט אַריינצופאַלען צו אַזעלבער, וועלכע וועט איהם נאָך די ערשטע צערטליכקייטען נמאס ווערען און איבערהויפּט זיך פיהלען פרעמד מיט איהר.

דערצו האָט ער ליעב געקראָגען, שוין אויס געוואוהנהייט, זיין קליינעם איינזאַמען פלעט, וועלכען ער האַלט שוין אָן זייט ער האָט זיך אַרויפגעאַרבייט.

ער האָט ליעב געהאַט, קומענדיג אַהיים, סיי אין פריהען אָווענד נאָכ'ן לייכטען סאַפּער, סיי אַמאָל אין שפּעטען אָווענד, קומענדיג פון דער אָפּערא, אויסציהען זיך אין די קליידער אויף דער זאָפע מיט'ן קוואָדערדיגען סיגאַר אין מויל און טראַכטען פון אַלטע פאַרגאַנגענע טעג, אָדער נאָך בעסער ליגען זיך אַזוי גאָר אָהן געדאַנקען אין קאָפּ און רוהען נאָך דעם טאָג פון שווערער און אונאינטערעסאַנטער אַרבייט און אָנשטרענגונג.

אַריינגעהמען איינדריקע האָט ער זיך ווי געפּוילט, ער האָט ליעבער געהאַט די איינדריקע, וואָס האָבען זיך ביי איהם פאַר'ן טאָג אָנגעזאַמעלט, צוריק אַרויסטרייבען, און דאָס האָט זיך אַזוי לייכט געטאָן מיט דער הילף פון דעם דיקען סיגאַר, וואָס האָט אַזוי העל געלויכטען אויפ'ן שפּיץ פון דעם גרויען אַש.

אין דער אָפּערא איז ער געווען אַ שטענדיגער „סובסקרייבער“. סובסקריבט איז ער געווען פאַר צוויי, עס האָט איהם ניט געאַרט די איבעריגע פאַר צעהנדליג דאָלאַר פאַר אַ צווייטען פערזאָן מיטצונעהמען אַמאָל, אויב עס וועט זיך נאָר מאַכען. עס האָט זיך אָבער קיינמאָל ניט געפונען די פּאַסענדע פּערזאָן. ער האָט שוין אַמאָל געוואָלט פאָרשלאָגען זיין טייפּרייטערין, וועלכע איז גראָד געווען איינע פון די שטילסטע און ער איז געווען זיכער, אַז זי וועט דערנאָך פון איהם גאָרנישט פאָדערען. ער האָט שוין שיער־שיער איהר ניט פאָרגעשלאָגען, אָבער ווענדענדיג זיך צו איהר מיט אַ זייטיגער פראַגע, כדי ניט גלייך אַרויספאָהרען מיט זיין איינלאַדונג, האָט דאָס שטילע מיידעל ניט פאַרשטאַנען וואָס ער זאָגט. איהר האָט זיך געדאַכט, אַז ער מיינט, אַז עס איז נאָך פאַר זעקס, און זי האָט פאַרלעגען געשמייכעלט:

— יאָ, מר. בערקמאַן, שוין זעקס...

— געוויס, געוויס. ניט דאָס האָב איך געמיינט — און בערקמאַנ'ען האָט אינערליך הנאה געטאָן, וואָס עס האָט זיך געענדיגט בלויז מיט אַ מיספאַרשטענדניס.

אָבער די אָפּערא אַליין האָט איהם ניט צופריעדענגעשטעלט. צוליעב איין גוט שטיקעל מוזיק, וואָס יעדע אָפּערא האָט פאַרמאָגט, האָט ער געמוזט אויסהערען גאַנצע שטיקער, וואָס האָבען צו איהם ניט אַפּעלירט און האָבען איהם, פאַרקעהרט, שטאַרק געלאַנגווייליגט.

דערפאַר האָט ער געהאַט אַ וויקטראָלאַ און געקליבענע רעקאָרדס, וואָס האָבען זיך צוגעפּאַסט פאַר זיינע שטימונגען און ער פלעגט אין די איינזאַמע אָווענדען לאָזען זיך פון זיי אַמוזירען.

אַמאָל פלעגט צו איהם קומען זיין עלטערע שוועסטער, אַ פרוי אין די מיטעלע יאָהרען מיט אַ שוין גרוי־געוואָרענעם קאָפּ, אָבער מיט שוואַרצע און יונגע אויגען. די שוועסטער איז געווען שטענדיג אָרים, אָבער זי פלעגט זיך פאַר'ן ברודער קיינמאָל ניט קלאָגען. פאַרקעהרט, זי האָט געהאַט אַ טבע איהם צו באַדויערען און פון צייט צו צייט אַרויסמורמלען:

— אויך מיר אַ לעבען...

האָט ער געמיינט, אַז דאָס קלאָגט זי זיך אויף איהר לעבען, און ער איז געווען גרייט איהר צו העלפען, אָבער זי האָט איהם ערקלערט:

— איך מיין טאַקי דיין לעבען... וואָס האָסטו פאַר אַ הנאה פון דיינע פאַרדיענסטען? האָב, ברודער, קיין פאַראיבעל ניט, דו ביזט אפשר קליגער פאַר מיר...

אָבער בערקמאַן האָט ניט ליעב געהאַט צו הערען זיין שוועסטער'ס נאָטאַציעס, כאָטש טיעף אין האַרצען האָט ער געהאַלטען, אַז זי איז זעהר קלוג און פאַרשטעהט איהם גוט. און אפשר טאַקי דערפאַר האָט עס איהם וועה געטאָן.

נאָך אַ קורצען געשפּרעך, וואָס פלעגט צווישען זיי פאָרקומען, פלעגט די שוועסטער אָנהויבען איהם בעטען ער זאָל אַמאָל אַרויפקומען צו איהר.

— דו דאַרפסט זיך מיט מיר ניט שעמען, מילא אפשר איך געפעל דיר ניט, אַן אַלטמאָדישע אידענע, אָבער מיינע קינדער, גאָט צו דאַנקען — מעגסט זיי אָנקוקען...

און בערקמאַן האָט זיך אַליין פאָרווירפע געמאַכט, וואָס ער געהט אַזוי זעלטען צו איהר. ביי איהר איז ווירקליך אַזוי פרעהליך, פון אַלע ווינקעלעך טראָגט זיך אַ וואַרימקייט און היימישקייט. עס איז בלויז אַן אומגליק, וואָס ער האָט גאָרנישט וואָס צו רעדען מיט זיי אַלע. דער שוואָגער איז אַ וואויל

**אַקעגען דעם טיעפען סאָציאַלען אָפּגרונד העלפט שטעלען דעם בנין פון פריינדשאַפט און**

מענשעל, נאָר אזוי ווייט פון בערקמאַן'ס וועלט, אז אויסער וועגן וועטער קען ער קיין געשפּרעך ניט אונטערהאַלטען.

וואָס אנבאַטרעפט די קינדער, זיינען זיי אַלע אזוינע פרעהליכע. די עלטערע מיידעל בליהט ווי אַ בלום. אין אזא'ן ־רימקייט און ראָך ווי שעהן און געזונד זי זעהט אויס. און ־ערמאָנענדיג זיך אָן איהר, וויל ער טאַקי פרעגען ביי דער שוועסטער, וואָס זי מאַכט. ער הויבט אָבער אָן דיפּלאָמאַטיש אָן די קלענערע:

— וואָס מאַכען די קליינוואַרג?

— זיי זיינען אָל־ראַיט. הענעליע פינישט שוין באַלד די פּאָבליק־סקוהל... וועט שוין אָנהויבען ארבייטען...

— און וואָס מאַכט קיידי...

— אָ, קיידי, — צושטראַהלט זיך דער שוועסטער'ס ־נים, — קיידי איז שוין אַ מויד. „געהט שוין אויס מיט אַ ־אָי"...

— דאָס איז פיין! — מורמעלט ארויס בערקמאַן און ־אמיהט זיך צו באַהאַלטען זיין אינערליכע אויפרעגונג, כאַטש ־ר וויים ניט וואָס אַרט עס איהם אזוי.

— קום ארויף אַמאָל! — בעט זיך די שוועסטער ביים וועקגעהן. — וועסטו מאַכען מיט אַ הונדערטער וועניגער, — ־נדיגט זי מיט אַ וויץ, ווי איהר שטייגער איז.

---

דאָס מאָל האָט זיך בערקמאַן אויסגעפּוצט שעהנער ווי ־לע מאָל. ענדליך האָט ער באַשלאָסען ווערען אביסעל נעהענ־ ־טער צו זיין שוועסטער און איבערהויפּט צו איהרע קינדער. ־ו וואָס זאָל ער לעבען אין אַזאַ איינזאַמער וועלט, ווען ער ־אָט לעבען זיך אַזאַ וואַרימען נעסט. ער האָט געמאַכט אַ ־לאַן, אַז ער וועט נעהמען אַ וואוינונג צוזאַמען מיט איהר, ער ־ועט זיין איהר באָרדער הייסט עס. נאָך דעם אָפּיס, ווען ער ־ועט קומען אהיים, וועלען צו איהם אין צימער אריינפליהען ־וי פויגעלעך די קליינוואַרג. איינע וועט ער נעהמען אויפ'ן ־וים, דער צווייטער וועט ער האַלטען ביי דער האַנד און די ־ריטע וועט ער גלעטען איבער'ן קעפּיל. זי האָט קיין עין־הרע ־ענוג.

וואָס אנבאַטרעפט קיידי, וועט ער איהר געבען היינט אַ ־וד טיים, ווי עס פּאַסט פאַר אַ רייכען פעטער. פריהער וועט ־ר זי נעהמען אין דער אָפּערא. זי איז דאָך דאָרט אוראי קיינמאָל ־יט געווען. ווי זי וועט דאָס זיין ענטציקט! איהר וועט ראָך ־ולץ געפעלען, ניט נאָר איינציגע שטעלען, ווי איהם. נאָכדעם ־ועט ער זי נעמען אין דעם שעהנסטען רעסטאָראַן, ווי ווייט ־ס וועלען נאָר ערלויבען איהרע קליידער.

מיט איין וואָרט — פון היינט אָן וועט ער שוין זיין לעבען ־יינאָרדענען נעבען זיי. זיי זיינען איהם די נאָהענטסטע און ־י איבערגעבענסטע. ער וועט אראָפּרייסען די מאַסקע, וואָס ־ר האָט יאָהרען לאַנג געטראָגען, און וועט אריינקומען ווי אַ ־רודער און אַן אָנקעל... אָט בין איך פאַר אייך ווי איך שטעה ־ון געה... זייט נאָהענט מיט מיר און פאַרגעסט אָן מיין ־פיס, אָהן מיינע פאַרדיענסטען און אָן מיין קאַפּיטאַל.

ער האָט געוואָלט שוין וואָס גיכער זיין דאָרטען. ער וועט ־עהמען אַן אויטאָמאָביל! און היידא צו זיי. מיט'ן זעלבען ־ויטאָמאָביל וועט ער טאַקי פאָהרען מיט קיידי'ן צו דער אָפּערא.

עס איז געווען אַ וואַרימער פאַרנאַכט, ווען בערקמאַן איז ־רויס פון אָפּיס. די זון האָט געהאַלטען ביים פאַרגעהן, אָבער ־אָט זיך נאָך געראַנגעלט מיט אַ געהיימער קראַפט און ניט ־וואָלט אונטערגעהן. בערקמאַן האָט זיך אריינגעזעצט אין ־עם ערשטען אויטאָמאָביל, וואָס איז געשטאַנען אין קאָרנער ־ון סטריט, געזאָגט דרייטליך די אדרעס און באַלד איז ער שוין ־עפלויגען צו זיין נייעם גליק.

דער אויטאָמאָביל האָט זיך ענדליך אָפּגעשטעלט האַרט ־עבען סיידוואָק פון אַ טענעמענט הויז. ביים סיידוואָק זיינען ־זעסען מוטערס מיט קינדער, געשטאַנען פאַרשיעדענע פּאָרלעך ־ון עס האָט געזוישט און גערעשעמט. דאָס אָנקומען אָבער ־ון אויטאָמאָביל האָט פאַראורזאַכט אַן איבערקעהרעניש. די ־ליינע קינדער האָבען זיך האַרט ארומגעשטעלט ארום אויטאָ־ מאָביל און מיט נייגיעריגע קינדערשע בליקען באַטראַכט זיין גרויס און גלאַנץ. די יונגע פּאָרלעך האָבען געשמייכעלט איינע צו די אַנדערע און זיך געשושקעט: ס'איז קיידי'ס אָנקעל... דער רייכער אָנקעל...

בערקמאַן האָט זיך געפיהלט ווי פאַרלוירען צווישען אזוי פיעל נייגיעריגע בליקען און צווישען די אַלע קינדער, צווישען וועלכע ער האָט אויך דערקענט זיין שוועסטער'ס. ער האָט פאַרווירט באַצאָהלט דעם שאָפער, פאַרגעסען אין פאַרלעגענהייט צו געבען איהם אַ טיפּ און זיך געלאָזט געהן אויף די טרעפּ.

ביים ארויפגאַנג האָט ער באַגעגענט אַ באַקאַנט געזיכט פון אַ יונג מיידעל מיט אַ יונגען פרעמדען באָי. ער האָט זיך אָנ־ געשטרענגט צו דערמאָנען וואו ער האָט זי געזעהען, און באַלד זיך דערמאַנט:

— העללאו קיידי! — האָט ער איהר אויסגעצויגען די האַנד.

קיידי האָט געקוקט דאָ אויפ'ן רייכען אויסגעפּוצטען אָנ־ קעל, דאָ אויפ'ן אויטאָמאָביל, וועלכער איז נאָך געשטאַנען ביים סיידוואָק, און ווי פאַרשעמט פאַר איהר באָי, וועלכער האָט ווי מיט שרעק געקוקט אויף איהר אָנקעל, האָט זי רויט ווערענדיג געענטפערט:

— העללאָ, אָנקעל! אזוי לאַנג ניט געווען...

— יאָ... לאַנג... — האָט בערקמאַן גערערט ווי אַ שולדיגער און זיך פאַרהאַלטען, זוכענדיג וואָס צו זאָגען דער ראָזיגער פרעמדער מיידעל, וועלכע איז געשטאַנען מיט אַ פרעמ־ דען באָי.

— קומט ארויף! — האָט זי ענדליך געפונען פאַר נויטיג צו זאָגען כאָטש עפּיס, דער רייכער אָנקעל זאָל זי ניט האַלטען פאַר אַ נאַר.

— יעס... איך וועל ארויפגעהן, אָבער ניט אויף לאַנג... איך מוז באַלד פאָהרען ערגיץ.

און זעהענדיג, אַז דער אויטאָמאָביל שטעהט נאָך, האָט ער זיך געווענדט צום שאָפער:

— וואַרט ביי אַ צעהן מינוט, איך וועל באַלד צוריק פאָהרען...

ער איז ארויף אויף די טרעפּ און זיך אָפּגעשטעלט ביים דריטען פלאָר...

— העכער! — האָט קיידי געשמייכעלט. — מיר וואוינען אויפ'ן פינפטען...

— אָ יעס, איך געדענק!

די שוועסטער האָט זיך שטאַרק דערפרעהט, אָבער דער איינדרוק, וואָס זיין קומען האָט אָנגעמאַכט דרויסען, לויט זי האָט באַמערקט דורכ'ן פענסטער, האָט איהר צוטומעלט. זי האָט זיך ווי געשעמט צו קוקען איהם אין די אויגען און ניט געוואוסט וואָס צו זאָגען.

— וואו זיינען די קינדער? — האָט בערקמאַן ענדליך געפרעגט...

— אָט זיי האָבען זיך ארומגעהאַנגען אָן דעם אויטאָמאָ־ ביל — אַ קלייניגקייט! ביי זיי אַן אויטאָמאָביל.

„טייערער ווי דער אָנקעל" — האָט בערקמאַן געוואָלט אין אַ וויציגען אופן פאָרוואורף מאַכען. עס האָט איהם אָבער ניט גערינט די צונג.

דערווייל איז קיידי צוגעגאַנגען צו איהם און זוכענדיג דאָס פּאַסענדע וואָרט, האָט זי זיך גערויטעלט און ענדליך געזאָגט:

— ענטשולדיגט, אָנקעל... מיין פריינד וואַרט אויף מיר. קומט אַמאָל שבת... איך מיין זונטאג...

און פאַרגווינענדיג זיך איז זי ארויס.

בערקמאַן האָט דערפיהלט דעם אָפּגרונד, וואָס איז געלעגען צווישען איהם און איהר, און ער האָט געזוכט אַ געלעגענהייט ווי צו ענטלויפען.

אין צעהן מינוט ארום איז ער שוין געזעסען אין אויטאָמאָביל, וועלכער איז געפלויגען אין דער ריכטונג צו דעם אָפּערא־הויז. דער זייגער איז שוין געווען אכט. ער האָט זיך אָבער געטרייסט אַז ייר וועט ניט פאַרשפּעטיגען...

---

גליכהייט! דער מיליאָן דאָלאַר פאָנד וועט ד יענען [illegible] אמענט פון דעם בנין.

# נפתלי — „רעפערענדומס“ — (פעלעטאָן)

ערשט אין גאַנצען וואָסערע אכטצעהן יאָהר אַז אונזערע מעמבערס לערנען זיך שטימען רעפערענרומס, און עס האַלט שוין אויף אַ דרך...

זיי האָבען „גוטע קעפּלעך“, האָבען זיי די תורה שנעל איבערגענומען, קענען איהר שוין כמעט אויף אויסווענינ, און עס געהט ווי אַ מזמור...

און נאָך אונזער פּראָסטען שכל קומט אויס אַז באַלד ווע־לען מיר אין גאַנצען פאַרשפּאָרען דעם עסק פון שיקען רעפערענרומס, ווייל צו וואָס דאַרף מען רעפערענרומס, אַז אַלעס געהט סיי־ווי־סיי דורך?...

שיקען מיר אַ רעפערענדום: אַז די עקזעקוטיוו קאָמיטע זאָל באַשטעהן פון פופצעהן און די קאָנטראָל קאָמיטע פון ניין, — איז גע׳פּועל׳ט. דערנאָך זיינען מיר זיך מיישב: פאַר וואָס זאָל עפּיס די עקזעקוטיוו קאָמיטע זיין מעהר מיוחס פון דער קאָנטראָל קאָמיטע? נאָ סער! ביידע מוזען זיין גלייך! איז ווייטער אַ רעפערענדומעל, און מיט איין קלאַפּ גנב׳עט מען צו ביי דער עקזעקוטיוו קאָמיטע גאַנצע זעקס אידען...

מיט אַמאָל פאַלט אונז גאָר איין אַ משוגעת, און עס דוכט זיך אונז אויס אַז ס׳וואָלט געווען היימליכער ווען ביים „רונדען עקזעקוטיוו טיש“ זאָלען „זיצען“ עפּיס אַ דריי מנינים אידען. — נו איז דריי מנינים.

קומען מיר צום שכל און מיר זעהען איין אַז די ניישאָנאַל באָארד אַף דירעקטאָרס מ ו ז ע ן מיטען פיער מאָל אַ יאָהר— זאָל זיין פיער מאָל!

בערעכענען מיר זיך אביסעלע שפּעטער, אַז ס׳וואָלט פאָרט געווען בעסער, און אפשר טאַקי ביליגער, אַז די „באָארד“ זאָל מיטען בלויז צוויי מאָל אַ יאָהר, — איז אויך רעכט. ווערען מיר גוטהערציג און מיר זאָגען: גיט אונזערע קראַנקע ניין מאָנאַטען סאַניטאַריום אנשטאַט זעקס, אָדער: צוויי הונדערט דאָלאַר קאנסאמפּשאָן בענעפיט אנשטאַט הונדערט, — גיט מען דען ניט?...

פאַרגלוסט זיך אונז אַז: די נעקסטע קאָנווענשאָן זאָל זיין אַ „קליינע“, — איז אַ „קליינע“ אויך גוט גענוג.

פאַרבענקען מיר זיך נאָך אונזערע אַמאָליגע געשטראָכענע מעמבערס, און מיר ווילען זיי מוחל זיין די „אַלטע חובות“ — שטעלט זיך דען עמיצער דאַגעגען?

און אַז אונז ווילט זיך גלאַט אַזוי פון באַקוועמליכקייט וועגען איבערמאַכען עטליכע „פּסוקים“ פון דער קאָנסטיטוציע, אַז אַרטיקעל דער־און־דער זאָל זיך לעזען אַזוי־און־אַזוי, — איז דען ניט „אויך מיין באָבע׳ס דאגה“? — אַז ס׳קאָסט ניט קיין געלד פאַר וואָס דען ניט?

וועט איהר דאָך מסתמא זאָגען: אַז די אַלע זאַכען קאָסטען קיין געלד ניט, דערפאַר געהען זיי דורך, און איהר וועט מסתמא ברייינגען ראיות פון דעם רעפערענדום פון לעצטען יאָהר, אַז דער פּונקט וועגען ניין מאָנאַטען סאַניטאַריום טריטמענט איז דורכגעגאַנגען כמעט איינשטימיג, און דעם צווייטען פּונקט וואָס האָט זיך געפונען אויף דעם זעלבען רעפערענדום, וואו מען האָט נור פאַרלאַנגט אַן עקסטראַ ניקעל אַ קוואָרטאַל צו דעקען די הוצאות פאַר די עקסטראַ דריי מאָנאַטען, האָט אין גאַנצען געפעהלט עטליכע הונדערט שטימען דורכצופאַלען...

אמת! ס׳איז אפילו זעהר אַ שאַרפער אַרגומענט, אָבער אַ תירוץ פון דעסטוועגען האָבען מיר פאַר אייך שוין אויך צו־געגרייט.

ערשטענס, זאָגען מיר אייך, וואָלט שוין צייט געווען אַז איהר זאָלט וויסען אַז דאָרט וואו עס קומט צו „דיני־ממונות“ ווערען אונזערע מעמבערס, כאָטש זיי זיינען גאַנץ גוטע תלמידים, ניט אַזוי שטאַרק נתפּעל פון ענין... ס׳קען זיין אַז עס איז פאַר זיי אביסעלע אַ צו־שווערע הלכה...

צווייטענס, איז טאַקי דער רעפערענדום פון לעצטען יאָהר ניט געווען אַזוי גוט צוזאַמענגעשטעלט, ס׳האָט דאָך אויסגעזעהן פּשוט ווי מען וויל דאָ אַריינגאַרען די קאַץ אין זאַק אַריין... פריהער הייסט מען זיין גוטהערציג און געבען די קראַנקע נאָך דריי מאָנאַטען סאַניטאַריום, און וועגען געלד? רעדט מען ניט אַ וואָרט. ערשט שפּעטער, צום סאַמע סוף, הייסט מען זיך נעהמען צו די פּאַקעטס... פּע! דאָס איז דאָך פּשוט סקאַנדאַליעז. ווען דער רעפערענדום וואָלט זיך אָבער געלייענט אַזוי: איהר ווילט געבען נאָך דריי מאָנאַטען סאַניטאַריום? טאָ זייט זשע מוחל און גיט ניקעלס! וואָלט מען טאַקי גע־געבען אויך...

אַ והא ראיה! נעהמט דעם רעפערענדום פון היינטיגען יאָהר וועט איהר זעהן ווי מען האָט געגעבען, און געגעבען האָט מען טאַקי מיט דער פולער האַנד, מ׳האָט זיך גאָר ניט געדרונגען.

די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע קומט צו געהן און בעט אַ „רייז“ פון טויזענר דאָלאַר — גיט מען איהר. די אָרגאַניזאַ־ציאָנס קאָמיטע וויל דריי סענט פון יעדען מעמבער — נאַט אייך! די מעמבערס פון דער נאַציאָנאַלער באָארד אַף די־רעקטאָרס ווילען פערציג דאָלאַרדיגע פאַר רייזע־קאָסטען — נעהמט אייך! באַקלאָגען זיך די דעלעגאַטען פון לעצטען קאָנ־ווענשאָן אויף דעם יקרות אין די פּיטסבורגער רעסטאָראַנען און ווילען נאָך צוויי דאָלאַר אַ טאָג אויף זייער שכירות — געזונ־טערהייט, זאָל אייך וואויל באַקומען!

און וואָס דאַרפט איהר נאָך מעהר? מען בעט אין גאַנצען א י י ן פּעני פאַר אידישע שולען, און ווי אויף צו להכעיס גיט מען דווקא צ ו ו י י...

אמת׳ע פּראָספּעריטי!

דער רעדאַקטאָר פון „פריינד“ האָט זיך אַזוי באַגייסטערט פאַר די „צוויי סענטיגע“ אידישע שולען, אַז ער וויל אונז מיט געוואַלד איינשמועסען, אַז דאָס האָבען חברה עקסטראַ געגעבען אַ גאַנצע פּעני מעהר כדי צו קענען באַפעהלען דער עקזעקוטיוו קאָמיטע אַז זי זאָל וואָס גיכער עפענען שולען...

אַ אַנדערער איד, וואָס האָט אַ שוואַכקייט צו שרייבען „פאָלקס־שטימען“, לערנט דעם פּשט גאָר אַנדערש. יענער איז אונז גאָר מבטיח אַז דער באַשלוס פון די „צוויי סענטיגע“ איז אַ רעזולטאַט פון דער גרויסער „נאַציאָנאַלער כוואַליע, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט גאַנצע ניין און ניינציג פּראָצענט פון אונ־זערע מעמבערס“...

מיר וואָלטען דעם רעדאַקטאָר אפילו געקענט זעהר לייכט באַווייזען אַז ער מאַכט במחילה אַ טעות, אַז ער איז נאָך גאָר אַ „גרינער“ אין די ביזנעס, און הויבט ניט אָן צו קענען אונ־זערע מעמבערס. וואָלט ער זיי נור געקענט, וואָלט ער געוואוסט אַז ניט זיי זיינען פון דעם מאַטעריאַל וואָס האָט ליעב אַריינ־צוזאָגען דעות און געבען „באַפעהלע“ צו דער עקזעקוטיוו קאָ־מיטע... ס׳אַ פּשוט׳ער בלבול!

נור געה הויב זיך אָן מיט אַ רעדאַקטאָר און נאָך מיט אַ גרינעם ראַצו. זעהט איהר, מיט דעם אידען, וואָס האָט פולע קעשענעס מיט „נאַציאָנאַלע כוואַליעס“, ווועלען מיר שוין אפשר ניט האָבען אַזאַ לייכטען דזשאָב צו באַווייזען איהם אַז ער איז אַרונטער פון די רעלסען, פאָהרט אויף אַ פרעמדען וועג, און ער רערט פון שלאָף... צו אַזאַ אידען דאַרף מען זיך גוט אונטער־גאַרטלען...

ס׳איז שוין אָבער ניט פאַר אונזערע כחות, און מיר ווועלען דאָס לאָזען פאַר געגאָסע צביון ער טויג זיך גוט צו דעם...

פאַר אונז בלייבט נור איין זאַך, און דאָס איז:

מיר האַלטען זיך פעסט ביי אונזער מיינונג, אַז אונזערע מעמבערס האָבען אין פאַרלויף פון אכטצעהן יאָהר געכאַפּט דעם שניט ווי אַזוי מען דאַרף שטימען רעפערענרומס, און זיי הויבען יעצט אָן אַרויסצואווייזען פעהיגקייטען פון „עקספּיריענסד הענד“ — זיי ווייסען אַז רינגען זיך וועט דאָ גאָר ניט העלפען און אַז מען הייסט געבען מסתמא דאַרף מען...

דער עיקר איז נור אַז מען ווייסט ווי אַזוי צו הייסען געבען...

י. ב. ביילין

# די לעצטע צו געהן...

(אַ חתונה־מתנה צו יוסף און מרים באַסקין)





גוטער ברודער, נישט פאַרליער דיין מוט,
פאַרגלעט די קנייטשען פון זאָרגען
און פאַרשטיק אין ברוסט דיינע קרעכצען...
עס וואָרט, אין ערגעץ, שטיל, פאַרבאָרגען —
דאָס, אין וואָס מיר אַלע גלויבען,
דאָס, צו וואָס מיר אַלע לעכצען...

אַ, ליעבע שוועסטער, פליק נישט אויס
אין גרויען יאוש דיין האָפנונגס־בלום
און פאַרוואַלקען נישט דיין שטערן!
עס ליגט באַהאַלטען אומעטום,
דורך אַלע דורות, אַלע צייטען,
אין יעדען שפּאַלט פון „זיין“ און „ווערען“.

געהט פרייהייט ווען אַוועק פון ערגעץ —
געהט זי קיינמאָל נישט די ערשטע,
נישט די צווייטע אויך און דריטע!
פריהער געהען די באַהערשטע,
די פאַריאָכטע, די פאַרקנעכטע
אויף ווען ע ן ט ו י ד ט עס האָט די שליטה...

אָבער פ ר י י ה י י ט... בלייבט נאָך אַלעס —
ביז אַ ל ע זיינען שוין אַוועק,
ביז דער „טוידט“ איז ט ו י ד ט אַליין!
ווען צו אַלעס קומט אַ סוף, אַן עק —
ערשט דאַן נעמט זי אין האַנד איהר שטעקען —
ז י איז די לעצטע צו געהן!

(סוזשעט ענטנומען).

הערבסט? רעגענס? קאַלאַמוטנע אויף דער נשמה? ניין, פריינד טייערער. אַ סימן איהר זייט נישט גענוג טעטיג. רופט אויס צו־זאַמען מיט אונז: נידער מיט דער מרה שחורה! זאָל לעבען דער ענערגישער אויסגוס פון אונזערע אונערמיעדליכע טוער!

* * *

איהר וואָלט דאָך וועלען זיך אויסדריקען אין ערגעץ, וועגען דער פאַראורטיילונג פון דעם אמת'ען אַמעריקאַנער און סאָציאַליסט יודזשין וו. דעבס. איהר וואָלט דאָך געטון יעדע זאַך, וואָס איהר קענט נאָר, אום אַביסעל צו פאַרלייכטערען די שטראָף, וואָס עס דאַרף טראָגען איינער פון אונזערע נאָבעלסטע גייסטער, נישט אמת? — גיט זשע נאָך אַמאָל, און פיעל מעהר ווי פריהער, פאַר'ן מיליאָן דאָלאַר פאָנד.

* * *

עס איז הערבסט. ווינדטען רייסען זיך און בלעטער פאַלען. עס וועט אויך נאָך נעמען פריהערך און שנעע־זאַווערוכעס וועלען אונ־זערע וועגען פאַרשיטען, אָבער זיי קענען בשום־אופן נישט פאַרצוימען דעם וועג פאַר'ן פריהלינג, וואָס וועט סוף־כל־סוף דאָך קומען.

* * *

און מוני זיצט נאָך אַלץ אין טוידטען־הויז און וואַרט... צוויי מיליאָן סאָציאַליסטישע שטימען אין די קאָנגרעס־וואַהלען וועט זיין אַ מעכטיגער קלאַפּ אין די טיר פון זיין תפיסה...

* * *

„עס וואָלט איינפאַך געווען אונערטרעגליך צו עקזיסטירען, אויב מיר וואָלטען נישט האָבען קיין חלומות“ — זאָגט אַנאַטאָל פראַנס. גאָלדענע ווערטער! ווי וואָלטען מיר עס אין דער אמת'ן געקענט אַריבערטראָגען דעם יעצטיגען שוידערליכען לעבען אָהן דעם זיסען טרוים פון אַ צוקינפטיגער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט?

* * *

ווען פרייהייט איז אין אומעט און דעמאָקראַטיע אין טוידט־שרעק פראַוועט דער הערשענדער קלאַס זיין וואַהנזיניגע סעודה פאַר־געסענדיג זיך צו קוקען אויף די פייערדיגע אותיות, וואָס קומען אַרויס אויפ'ן וואַנד...

* * *

...איך גלויב אין דער אַמעריקאַנער קאָנסטיטוציאָן, וועלכע האָט אונז גאַראַנטירט רעדע־פרייהייט און מיר סאָציאַליסטען קעמפען עס, אַז די [illegible] אַן זאָל אָפּגעהיט ווערען. — יודזשין וו. דעבס.

# שטאאטס-סאָציאַליזם און די אינטעליגענץ

פון ע. א. ברוידעס

מיר באגעגענען יעצט אָפט מענשען, וועלכע שווערען ביי אלעם היילינסטען, אז זיי זיינען גוטע סאָציאַליסטען און אין דער זעלבער צייט רעכענען זיי עס פאר דער גרעסטער סאָציאַליסטישער מצוה צו קעמפפען נעגען דער הערשאפט פון ארבייטער־קלאַס. זיי האָבען אפילו די העזה צו באטראכטען זיך אלס אמת'ע רעוואָלוציאָנערען, אלס איבערבויער פון דער געזעלשאפט, מיט דעם וואס זיי האלטען אין איין שרייען אז די אלטע אויסגעפּרואווטע וועגען ווי צו לעבען און שאפען אויף דער וועלט זיינען די בעסטע און די זיכערסטע פאר די ארבייטער.

מערקווירדיג. די דאָזיגע שרייער געפינען עס אָפט פאר א לייכטע זאך צו פארדרעהען די קעפּ פון פיעלע ארבייטער, וועלכע לאָזען זיך פארפיהרען פון א פשוט'ען ווערטערשפּיעל נעגען זייערע אייגענע אינטערעסען.

אפילו נאָך יעצט, נאָך אזוי פיעל יאָהרען פון ארבייטער־קאמפף, איז ניט שווער צו נעפינען מענשען, וועלכע וועלען אייך ערנסט זאָגען, אז די זאָגענאנטע „פּאָטערליכע" באציהונגען צווישען ארבייטסגעבער און ארבייטער זיינען די אידעאלסטע, די בעסטע אפילו פאר די ארבייטער אליין. „פּאָטערליכע" באציהונגען מיינען אזעלכע, וואו די גאנצע דעה וועגען דאס שאפען און דאָס לעבען פון די ארבייטער איז אין די הענט פון דעם ארבייטסגעבער, פון וועמען מען ערוואַרטעט, — און עס איז ניט חלילה קיין מוז פון זיין זייט, — ער זאָל זיך פארהאלטען צו זיי ווי א פאָטער צו זיינע קינדער. דאס איז דאך אייגענטליך געווען ביז ניט לאנג צוריק דער באזיס פון דעם היילינגען פאמיליען־לעבען: איין צד האָט אלע רעכטע און דער צווייטער צד האָט גאר קיין רעכטע ניט. און אפילו אזעלכע אײנרערענישען האָבען א ווירקונג אויף פיעלע ארבייטער.

א פאָטער פון א פאמיליע, לויט די אלטע באגריפען פון לעבען, איז א זעלבסטהערשער איבער זיין פרוי און זיינע קינדער; א פאָטער איז אויך א באזאָרגער און א באשיצער פון זיינע קינדער און זייער מוטער; אזוי פלעגט עס זיין; און פון דעם וויל מען אויסברייננען אז יעדער זעלבסטהערשער איז אין דער זעלבער צייט א באזאָרגער און באשיצער. מיט דעם דאָזיגען שווינדלערישען נעראנקען־שפּיעל באנוצט מען זיך זעהר אָפט באוואוסטזיניג און אונבאוואוסטזיניג צו פארטיידינען די אינטערעסען פון זעלבסטהערשער. פיעלע נארען זיך זעלבסט אָפּ נעגען זייערע אייגענע אינטערעסען דורך אזעלכע סאָרטען פּויליע חקירות. אין רוסלאנד און אין פיעלע אנדערע לענדער האָט מען מיט דער הילף פון אזעלכע שווינדלערישע חקירות אויף לאנגע יאָהרען פארשטארקט די מאכט פון דער פּאָליטישער זעלבסטהערשאפט און כמעט אומעטום פּרופט מען זיך נאָך ראטעווען מיט דעם זעלבען סאָרט חקירות די אינדוסטריעלע זעלבסטהערשאפט פון קאפּיטאל.

ווען מען רעדט וועגען פאָטער און קינדער שטעלט מען זיך פאר אויף איין צד א רעדוואקסענעם מענשען, וועלכער האָט שוין פארנומען א פלאץ אויף דער וועלט, א „באלעבאָס", און אויף דעם צווייטען צד קליינע, שוואכע און הילפלאָזע באשעפענישען, וועלכע האָבען ווייניג שאנסען צו זיין ערפאָלגרייך אינ'ם קאמפף פאר'ן לעבען אָהן דער הילף פון זייער באשיצער—זייער פאָטער. מיר פארגעסען זיך אז עס קומט א צייט ווען די קינדער וואקסען אויס, ווערען אליין מענשען, יונגע און שטארקע; דער פאָטער ווערט אלט און שוואך און נויטיגט זיך שוין אליין אין הילף און אין שוץ; אויב ער האלט נאָך אָן זיין „מאכט", איז עס נור מיט דער הילף פון דער אלטער טראדיציע, וועלכע האָט אין דער ווירקליכקייט קיין שום ממשות ניט. די קינדער דארפען נאר „זאגען דאס ריכטיגע וואָרט", אָדער פשוט איגנאָרירען די טראדיציעס, און די „מאכט" פון דעם פאָטער איז ווי ניט געווען.

יענער סאָרט „סאָציאליסטען", וועלכע טענה'ן אז עס וואָלט יעצט געווען אן אומגליק פאר דעם ארבייטער־קלאַס באלד צו באפרייען זיך פון קאפּיטאליסטישער הערשאפט, אויב זיי זיינען ניט קיין באוואוסטזיניגע שווינדלער, לאָזען זיך פארפיהרען פון אזא סאָרט פוסטער איינרערעניש ווי אין דעם פאל פון דעם אלטען טאטען מיט דעם יונגען דור קינדער. זיי זיינען אונטער דעם איינפלוס פון יענער צייט, ווען דער ארבייטער־קלאַס איז נאָך ווירקליך געווען שוואך און ניט בכח צו באהערשען די וועלט, און אויף וויפיעל זיי האלטען אין דער־מאנען דעם ארבייטער־קלאַס, אז ער איז נאָך שוואך און מוז זיך לאָזען באהערשען, אויף אזוי פיעל זיינען זיי זיין שונא, און א שונא וועלכער גיט זיך אויס אלס א גוטער פריינד איז דער געפעהרליכסטער...

די גאנצע טעאָריע פון שטאאטס־סאָציאַליזם איז באשאַפען געוואָרען בעצם צו שטיצען דעם געדאנק, אז דער ארבייטער־קלאַס איז און וועט שטענדיג פארבלייבען שוואך צו באזאָרגען אם בעסטען זיינע אייגענע אינטערעסען. אויב ניט דער „צאר־באטיושקא" (דער פאָטער־קעניג), אויב ניט דער פאָטער־ליכער פריוואטער קאפּיטאליסט, אויב ניט די „גוטע" קאָרפּאָריישאָן, איז עס דער שטאאט, די מלוכה, וועלכע וועט דארפען זיך זאָרגען פאר דעם ארבייטער, וועלכער איז ניט דערוואקסען גענוג און איז ניט פעהיג אליין זיך צו דאגה'ן וועגען זיינע אייגענע אינטערעסען. דאס איז א טעאָריע, וועלכע גיט נאָך עמעצען א געלעגענהייט צו הערשען איבער דעם ארבייטער־קלאַס, און חאָטש עס זאָגט ניט קלאָר ווער וועט עס זיין דער הערשער, איז ניט שווער צו זעהן אז דא רעדט זיך וועגען א געלעגענהייט אויב ניט פאר די יורשים פון זייערע עלטערענס קאפּיטאלען, איז עס פאר די יורשים פון זייערע עלטערענס פעהינקייטען צו פיהרען די וועלט בדרך הישר, — פאר דער אינטעליגענץ.

שטאאטס־סאָציאַליזם דארף אייגענטליך זיין א קאָמבינאציע פון א קאפּיטאליסטישען, נאציאָנאלען שטאאט און א סאָציאליסטישע אינדוסטריעלע אָרגאניזאציע. אזא סאָרט קאָמבינאציע איז אונמעגליך פשוט דערפאר, וואס עס איז נעגען אלע געזעצע פון לעבען, אז דער קלאַס, וועלכער האָט די גאנצע עקאָנאָמישע מאכט אין זיינע הענט, זאָל איבערלאָזען די פּאָליטישע מאכט אין די הענט פון אנדערע. ווען די עקאָנאָמישע הערשאפט וועט אריבערגעהן אין די הענט פון דעם ארבייטער־קלאַס, וועט די פּאָליטישע מאכט מוזען זיין אין די הענט פון דער אינדוסטריעלער אינטעליגענץ און קיין אנדער סאָרט אינטעליגענץ וועט מיט קיינע תרופות ניט קענען פארבלייבען די פּאָליטישע הערשערין, אלענפאלס ניט אויף א באדייטענד לאנגע צייט.

די יעצטיגע בורזשואזע אינטעליגענץ הויבט אָן צו פארשטעהן, אז דער קלאַס, אין וועמענס אינטערעסען זי האלט אָן איהר פּאָליטישע הערשאפט, וועט מוזען גאר אין גיכען פארשווינדען, און זי איז גרייט צו פארראטען איהר שטארבענדען באלעבאָס נאָך איידער ער איז פארטיג מיט זיין ודוי־זאָגען.

די בורזשואזע אינטעליגענץ, אָט די אלע פּאָליטיקער, פּאָליטישענס און נעזעצמאכער, וועלכע שאפען אליין גאראנטיען און ציהען זייער חיונה אלס די שומרים פון דער יעצטיגער אָרדנונג, געפינען זיך אין זעהר א גינסטיגער לאגע אין א צייט ווען איין הערשענדער קלאַס הויבט אָן פיהלען, אז די ערד פארשווינדט פון אונטער זיינע פיס, און דער צווייטער, וועלכער דארף פארנעמען זיין פלאץ, איז נאָך דערצו ניט אינגאנצען פארטיג; די דאָזיגע לאגע גיט זיי די העזה צו חלומ'ען וועגען פארהאלטען די פּאָליטישע הערשאפט פאר זיך און, אנשטאט צו זיין די דיענער פון קאפּיטאליסטען, צו ווערען די זעלבסטהערשער פון דעם ארבייטער־קלאַס. די אינטעליגענץ אינטערעסירט זיך ניט מיט דער עקאָנאָמישער הערשאפט. דאס איז ניט איהר פאך.

דער אינדוסטריעלער שאפען איז אן ארבייט פאר איינפאכערע בשר־ודם'ס, ווי זי באטראכט זיך. זי דרעהט דעם פּאָליטישען רעדעל און דאס וויל זי טון אויך אויף ווייטער. דערפאר איז זי גרייט צוצובאַמקען צו אלע עקאָנאָמישע פאָדערונגען פון דעם ארבייטער־קלאַס, גרייט אפילו איהם העלפען איינצופיהרען דעם סאָציאַליזם אויף וויפיעל ער ריהרט• אן דעם עקאָנאָמישען בוי פון דער געזעלשאפט, אבי נור זי זאָל קענען אויסדינגען פאר זיך, אין דעם יריד, דעם תנאי, אז זי זאָל בלייבען ביי איהרע אלטע פּאָל־ יישע פריווילעגיעס.

דער גליק איז אָבער וואס די סאָציאַליסטישע אָרדנונג וועט זיך ניט נויטיגען אין קיינע שומרים און וועט דעריבער קיין פּלאַץ ניט האָבען פאר א קלאס מענשען וועלכער מאכט א לעבען פון באשיצען די עקזיסטירענדע אָרדנונג. דער ארבייטער־קלאַס, ווען ער וועט הערשען, וועט ער הערשען נור איבער זיך אליין און ניט איבער עמעצען אנדערש. אין א סאָציאַליסטישער גע־זעלשאפט וועלען ניט זיין קיין עקספּלואַטאַטאָרען און קיין עקס־פּלואַטירטע און דעריבער וועט מען זיך ניט נויטיגען אין מענ־שען, וועמענס אויפגאבע עס איז צו זוכען תירוצים אויף דאס רעכט צו באנוצען זיך מיט פרעמדער ארבייט; די סאָציאַליס־טישע געזעלשאפט וועט ניט האָבען קיין אינערליכע שונאים און ניט זוכען צו שאפען אויסערליכע און וועט דארום ניט נוי־טיגען זיך אין קיינע באשיצער פון דעם געזעץ און פון דער אָרדנונג.

פאר צוויי זאכען קעמפפען יעצט די ארבייטער אומעטום מעהר ווי פאר וועלכע עס איז אנדערע פאָדערונגען. ווען דער ארבייטער־קלאס געווינט די צוויי פאָדערונגען מאכט ער מיט דעם אליין א סוף צום קאפּיטאַליזם, אָבער דאס וואָלט ניט געמיינט אז דאס איז גענוג צו א סאָציאַליסטישער אָרדנונג.

די צוויי פאָדערונגען זיינען:

1) אלע ארבייטער זאָלען באקומען דעם גאנצען ווערטה פון זייער ארבייט; ניעדער מיט עקספּלואַטאַציע.

2) אלע, מאן אָדער פרוי,• זאָלען אין אלע צייטען זיין גאראַנטירט מיט ארבייט און זיין זיכער צו מאכען א לעבען.

די דאָזיגע פאָדערונגען ווערען ניט ארויסגעשטעלט אלע מאָל קלאָר און אינגאנצען. זיי דריקען זיך אויס געוועהנליך אין די פאָדערונגען פון א קירצערען ארבייטס־טאָג, העכערע שכירות, אנערקענונג פון דער יוניאָן און דאס רעכט פון יעדען יוניאָן־מאן אויף זיין פּלאַץ אין פאבריק, אָבער נאָך אלע סך־הכל'ס מוזען זיי פיהרען צו די קלאָרע פאָדערונגען פון אויס עקספּלואַטאַציע און גאראַנטירטע ארבייט, און נור דאן וועט דער ארבייטער־קלאס די דאָזיגע פאָדערונגען זיינע אויספיהרען, ווען ער וועט זיין בכח אינגאנצען ארויסצורייסען די עקאָנאָ־מישע מאכט פון די הענט פון די קאפּיטאַליסטען.

די טעאָרעטיקער פון שטאַאטס־קאפּיטאַליזם ווילען, אז די דאָזיגע פאָדערונגען פון די ארבייטער זאָלען אינגאנצען נאָכ־געגעבען ווערען. זיי ווילען, זאָגען זיי, איינפיהרען א סאָציאַ־ליסטישע אָרדנונג, אין וועלכער קיינער וועט ניט ווערען עקס־פּלואַטירט און אלע וועלען זיין געזיכערט מיט ארבייט; זיי ווילען אָבער לאָזען דעם קאפּיטאַליסטישען שטאַאט מיט זיינע נאַציאָנאַלע גרעניצען, מיט זיינע טאַריפען, מיט זיינע געזעצ־געבענדע פּאַרלאַמענטען און די עקזעקוטיווע אָרגאַניזאַציעס ווי זיי זיינען יעצט מיט זייער אונאבהענגיגע מאכט.

דאס איז אָבער ניט מעהר ווי א פּלאַן צו ראַטעווען די מאכט פון דער אינטעליגענץ, וועלכע לעבט יעצט פון פּאָליטיק. א ווירקליכע אינדוסטריעלע דעמאָקראַטיע איז ניט מעגליך אין אזא פאָרמע.

# די וועלטליכע אידישקייט

פון יעקב לעווין

נאָך שנעלער ווי אין רוסלאנד איז דער פּראָצעס פון דער פאַרוועלטליכונג פונ'ם אידישען לעבען געגאנגען אין אמעריקע. די פאַרוועלטליכונג, ווי מיר האָבען געזעהן, איז פאַרבונדען מיט דער ערשיינונג פונ'ם אידישען ארבייטער אלס אַק־טיווען פאַקטאָר פונ'ם אידישען לעבען. און אין קיין לאַנד איז דער פּראָצענט פון ארבייטער צווישען די אידען ניט אזוי גרויס ווי אין אמעריקע, ווייל דאָ האט א גרויסער טייל פון די אומפּראָדוקטיווע־ הענדלער, מעקלער, סוחרים אין אנדערע האַל־בע לעדיגגעהער פון דער היים, געמוזט זיך נעמען פאר א פּראָ־דוקטיווער ארבייט.

און די עקאָנאָמישע באדינגונגען האָבען אין אמעריקע גע־פיהרט דערצו, אז די אידישע ארבייטער זאָלען, ניט וועלענדיג אפילו, ווערען אינדיפערענט צו דער אידישער רעליגיע. דער אידישער ארבייטער האט דאָ ניט געקאָנט אָנהאַלטען זיין דאַוו־נען, ווען ער האט ניין מאָנאטען אין יאָהר געדאַרפט אויפ־שטעהן צו דער ארבייט פאר פינסטער. ער האט ניט געקאָנט אָפּהיטען שבת און די ימים־טובים, ווייל זיי זיינען געגען זיין ווילען פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין איינפאכע ארבייטס־טעג. און אַט דער צושטאַנד פון ניט דאַוונען און ניט אָפּהיטען שבת און יום־טוב איז ביים אידישען ארבייטער מיט דער צייט גע־וואָרען א גאנץ געוועהנליכער. עס פאַרשטעהט זיך, אז מיט'ן דאַוונען איז אויך צעריסען געוואָרען דער הויפּטבאַנד, וואס האט פאַראייניגט דעם ארבייטער מיט גאָט און מיט דער שוהל. אויב די לעצטע האט נאָך איצט אויך א באדייטענדע צאָהל באזוכער, באשטעהען זיי הויפּטזעכליך ניט פון ארבייטער, נאָר פון קרעמער, הענדלער, א. ד. ג. וואס קאָנען זיך אָפּרייסען פון זייערע גע־שעפטען און געהן אין שוהל, און דאס אויך הויפּטזעכליך פון עלטערע מענשען, וועלכע האָבען אייגענע געשעפטען.

ביסלעכווייז ווערען איבערגעריסען אויך די אנדערע פּע־דים, וואס בינדען צו דעם אידישען ארבייטער אין אמעריקע צו דער רעליגיע, און די לעצטע הערט אַליין מעהר אויף צו שפּיעלען א ראָליע אין זיין לעבען. דער ראָמאַנטישער נאַציאָ־נאַליזם געפינט אויך א קנאַפּען אָפּקלאַנג צווישען די ארבייטער אין אמעריקע; דער אידישער ארבייטער שאַפט זיך א נייע וועלטליכע סביבה און בויט אויף א נייע וועלטליכע גייסטיגע קולטור, וועלכע בלייבען אָבער דורך און דורך אידיש.

צווישען דער געזעלשאַפטליכער סביבה, וואס דער אידי־שער ארבייטער האט געשאַפען, פאַרנעמען דעם הויפּט־אָרט: דער לאַנדסלייט פאַראיין אָדער דער ברענטש פון אן אָרדען, די יוניאָן און דער ברענטש פון א פּאַרטיי; אין זיי פאַרברענגט דער אידישער ארבייטער א גרויסען טייל פון זיין פרייער צייט. דאס זיינען פּאָליטיש־ אָדער עקאָנאָמיש־געזעלשאַפטליכע אָר־גאַניזאַציעס. אויסער דעם קומען די קרייזען, וואס האָבען א קינסטלעריש־דערציהעריישען כאַראַקטער: • דער אידישער טע־אַטער, וועלכער שפּיעלט א גוואַלדיג גרויסע קולטורעלע ראָל, ניט קוקענדיג אויף זיין ביז איצטיגען נידעריגען צושטאַנד, די אי־דישע לעקציע, דער ליטעראַרישער קלוב, דער דראַמאַטישער קלוב, דער געזאַנג־פאַראיין, דער שאַכמאַטען־קלוב, א. ד. ג. אין גיבען מיר צו דאס געוועהנליכע געהן אין געסט — באקומען מיר כמעט א פולען בילד פון דער געזעלשאַפטליכער סביבה פון דעם אידישען ארבייטער אין אמעריקע; א סביבה א ריין וועלט־ליכע, אָבער א אידישע.

[illegible] גייסטיגע שפּייז באקומט דאָ דער ארבייטער אין א [illegible] ליכער פאָרם. צוערשט קומט די אידישע צייטונג, [illegible] ט אויף איהם א **גוואַלדיגע ווירקונג**; פון איהר [illegible] ניט נאָר נייעס **און ידיעות, נאָר מעהרסטענ־**

טיילס זיינע אידעאַלען, זיינע אנשויאונגען; זי באַשטימט אָפט זיינע האנדלונגען. די צייטונג האָט ביי איהם פאַרנומען דעם אָרט פונ'ם סידור. דורכלעזען אַ צייטונג יעדער טאָג איז ביים אידישען ארבייטער אין אַמעריקע כמעט פונקט אַזאַ מוז־זאַך, ווי ביים פרומען אידען דאָס דאַווענען.

נאָכדעם קומען די וועכענטליכע און מאָנאַטליכע אידישע זשורנאַלען, וועלכע גיבען שוין שטאָף פון אַ העכערער פּראָבע, איידער דער שטאָף פון די צייטונגען; און ענדליך די אידישע ליטעראַטור, וועלכע האָט איצט פיליכט נאָך אַ קלענערע ווירקונג אויף דעם אידישען ארבייטער, אָבער דערפאַר ניט אין אַן ערך אַ גרעסערען ווערט. פון אונזערע גרויסע שרייבער האָבען נאָר מענדעלי און פּרץ געשאַפען בלויז אין רוסלאַנד. שלום־עליכם, אַש און רייזען טיילען זייער ארבייט און זייערע פאַרדינסטען — הגם נאָך ניט אין אַ גלייכער מאָס — צווישען רוסלאַנד און אַמעריקע; און נאָכדעם קומט אַ רייהע שרייבען און פּאָעטען ריין־אַמעריקאַנישע: ראָזענפעלד, יהואש, גאָרדין, ליבין, קאָברין און די „יונגע", וועלכע בילדען איצט דעם פעסטען זייל פון דער אידישער ליטעראַטור.

און וואָס עס איז פיעל וויכטיגער — די אידישע ליטעראַטור פון אַמעריקע דערוויטערט זיך ניט אין די ראָמאַנטישע און האַלב־ראָמאַנטישע טיפּפעןנישען פונ'ם אַלטען אידישען לעבען אינ'ם קליינעם שטעדטעל; פאַרנעמט זיך ניט מיט אידעאַליזאַציע, נאָר שפּיגעלט מעהר אָפּ דאָס געגענווערטיגע לעבען. און אויך אונזערע „יונגע" זיינען ביז איצט ניט אריינגעדרונגען גענוג טיעף אינ'ם נייעם אידיש־אַמעריקאַנער לעבען און נאָך ניט ארויסגעבראַכט פון דאָרטען די באַהאַלטענע פּערל, האָבען זיי אָבער שוין געפונען דעם וועג אהין און וועלען מיט דער צייט דערפילען זייער חוב.

און אויסער דער אָריגינעלער אידישער ליטעראַטור קומט די איבערגעזעצטע און נאָכדעם די פּאָפּולער־וויסענשאַפטליכע און וויסענשאַפטליכע ליטעראַטור, סיי אָריגינעלע, סיי איבערגעזעצטע. די אידישע ארבייטער קויפען ביכער, אַ טייל פון זיי לעזט די ביכער, אַ טייל שטעלט זיי נאָר אריין אין ביכער־אַלמער. אָבער אויך די לעצטע טוען אַ גוטע זאַך, ווייל מיט זייער קויבען העלפען זיי דעם פאַרלעגער די ביכער ארויסצוגעבען און דעם אמת'ען לעזער — זיי צו באַקומען.

און צום סוף קומט אין אַמעריקע, אַלס די העכסטע שטאַפּעל פון דער וועלטליכער אידישער געזעלשאַפט, די וועלטליכע אידישע פאָלקס־שול. אַ שול ניט צו לערנען דאַווענען און הפטורה זאָגען, ניט צו לערנען די קינדער ליעבען די אַלטע פאַרגאַנגענהייט און רעדען אויף דער אַלטער שפּראַך, בכלל — ניט צוליעב לערנען און איינגעוואוינען די קינדער אין רעליגיעזע מנהגים, וואָס זייערע עלטערן אַליין היטען זיי ניט אָפּ, און ניט צוליעב איינפלאַנצען אין זיי אַ ראָמאַנטישע באַציהונג צו אַלץ, וואָס איז אַלט אינ'ם אידישען לעבען — נאָר צוליעב באַקענען זיי גוט מיט דער שפּראַך פון זייערע עלטערן, מיט דעם לעבען פון די אידען אין פאַרשיידענע לענדער, מיט דער אידישער געשיכטע, מיט דער אידישער ליטעראַטור און בכלל מיט אַלץ, וואָס עס איז פאַראַן שעהנעס און ווערטפולעס אין דער אידישער קולטור. אַ שול אויף דער וועלטליכער אידישער שפּראַך — א ו י ף א י ד י ש.

צוערשט איז די אידישע פאָלקס־שול אין אַמעריקע געווען ניט ריין פון נאַציאָנאַליסטישקייט; און אַ טייל פון די פאָלקס־שולען, אָדער נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע שולען זיינען נאָך ביז היינט פון איהר ניט אין גאַנצען ריין. אין אָט די שולען, פאַרנעמט נאָך ביז איצט דער העברעאישער לימוד אַ וויכטיגען אָרט אַפילו דעם וויכטיגסטען פּלאַץ; און דאָס לערנען אין זיי איז דורכגעזאַפּט מיט אַ ספּעציפיש נאַציאָנאַליסטיש־ראָמאַנטישען גייסט. אָבער אַזעלכע שולען ווערען אַלץ וועניגער און זייער אָרט פאַרנעהמען מעהר וועלטליכע, אַזוי אָנגערופענע „אידישיסטישע" שולען. אין אָט די שולען איז ניטאָ קיין ראָמאַנטישע באַציהונג צו העברעאיש און דער גייסט פונ'ם לערנען פון זיי איז אַ פרייערער, וועלטליכער; ניט קיין ראָמאַנטיש־נאַציאָנאַליסטיש־ציוניסטישער.

ביז איצט פאַרנעמט די וועלטליכע אידישע שול אין אַמעריקע נאָך ניט דעם פּלאַץ, וואָס זי האָט געדאַרפט פאַרנעמען, הגם, ווען מען נעהמט אין אַכט די יונגקייט איהרע און די שטערענישען, וואָס זי באַגעגענט סיי מצד רעכטס — פון די רעליגיעזע קרייזען און פון די ראָמאַנטישע־נאַציאָנאַליסטישע־ציוניסטען, און סיי מצד לינקס — פון די גאַנץ אָדער האַלב אַסימילירטע אַנטי־נאַציאָנאַליסטישע עלעמענטען — מוז מען שוין אַנערקענען, אַז איהר ערפאָלג איז אַ גרויסער. עס זיינען איצט פאַראַן איבער'ן לאַנד העכער פופציג שולען, אין וועלכע עס לערנען כמעט 6000 קינדער. און די צאָהל פון די שולען און קינדער פאַרגרעסערט זיך זעהר שנעל.

די לעצטע צייט האָבען זיך ברענטשעס פון ארבייטער רינג און אַפילו פון די ס. פּ. אָנגעהויבען אָפּצוגעבען מיט שטיצען און מיט גרינדען אַזעלכע וועלטליכע שולען. און גאָר לעצטענס האָט זיך אויך דער ארבייטער רינג אַלס גאַנצער פאַראינטערעסירט מיט דעם. און מיט יעדען טאָג ווערט גרעסער דער קרייז פון די, פאַר וועלכע די וועלטליכע אידישע שול ווערט אַ לעבענס־נויטיגע אינסטיטוציע פאַר דער ערציהונג פון זייערע קינדער.

קורץ, אין אַמעריקע שאַפט זיך אַ ניי, אַ וועלטליך אידיש לעבען. דאָס דאָזיגע אָרט לעבען איז מעהר מאָדערן, איז ווייטער פון דער אידישער געטאָ, איז ווייטער פון יענער וועלט און נעהענטער צו דער־וועלט; איז אָרימער אין חלומות, אָבער דערפאַר ניט אין אַן ערך רייכער אין ווירקליכקייט. דאָס איז דאָס ערשטע מאָל ווען די אידען האָבען אויפגעבילדעט אַ וועלטליכע געזעלשאַפט, וועלכע קאָן געהן אין איהר ענטוויקלונג און קאָנטאַקט מיט דער מאָדערנער וועלטליכער מענשהייט. די גייסטיגע און בכלל קולטורעלע אידישע ווערטען, וואָס זיינען ביז איצט געשאַפען געוואָרען אין אַמעריקאַ, זיינען נאָך, קאָן זיין, ניט גענוג הויך. אָבער דער יסוד איז דאָ אַ געזונטער; דער געזונטסטער וואָס מיר פאַרמאָגען, און מיר קאָנען פון איהם פיעל דערוואַרטען.

---

„... אמת מארץ תצמח" — זאָגט דער פּסוק. עס הייסט, דער אמת וועט סוף־כל־סוף דאָך אַרויסשפּראָצען פון דר'ערד. דאַרף מען נאָך האָבען אַ בעסערען באַווייז, אַז ער ליעגט יעצט דאָרטען ניין איילען טיעף?

* * *

ווען מיר זאָלען נור אַריינגעמען צוריק די זיעבען טויזענד מעמבערס, וואָס זיינען געשטראָכען געוואָרען לעצטען יאָהר, וואָלטען מיר שוין באַלד פאַרטיג געוואָרען מיט אונזער חוב צו דער דזשענעראַל עקזעקוטיווע. זאָל יעדער איינער נור טון, וואָס ער קען!

* * *

מאַכט וועניגער „פּאָינטס אוו אָרדער" וועט איהר האָבען מעהר אָרדנונג.

* * *

„חוליעט, חוליעט, בייזע ווינטען" — האָט אונזער אברהם רייזען, אַמאָל, אַזוי טרויעריג געזונגען און — זינגט עם ווידער. מיר אַלע באַגלייטען איהם פּיאַניסימאָ.

* * *

ווי שווערער עס ווערט עס פון טאָג צו טאָג אויסצוקלייבען אין דער קאַפּיטאַליסטישער פּרעסע דעם קליינעם קערנדעל אמת פון די גרויסע גאַרבען ליגענס, וואָס זיי הויפען אָן פאַר אונזערע אויגען!

* * *

סאָציאַליזם וועט קומען אַחן דעם מיליאָן דאָלאַר פאָנד אויך. האָט איהר אָבער באַרעכענט, ווי שנעלער ער וואָלט געקענט געבראַכט ווערען דורך ענערגישע אויפקלעהרונג און פּראָפּאַגאַנדע? דער מיליאָן דאָלאַר פאָנד איז דאָך פאַר ד י ז ע ן צוועק...

* * *

# דער פראגרעס פון וויסענשאפט און טעכניק

## די „ניטראדזשען באצילען“ און זייער ראלע אין אגריקולטור.

פון לאזאר סאמאילאוו

ווען מען לייגט אריין אין דער ערד א קליין קערענדעל, וואס וועגט א טייל פון אן אונץ, וואקסט פון דעם ארויס א פלאנץ, וואס וועגט עטליכע פונט. ווי אזוי דאס קומט פאר איז אונז נישט אזוי באקאנט, מיר ווייסען אבער, אז קיין נסים זיינען דא ניטא און אז דאס קערענדעל צוואוואקסט זיך הויפטזעכליך דערפאר, ווייל עס שלינגט אין זיך אריין אייניגע שטאפען פון דער ערד און פון דער לופט. איינער פון די שטאפען, אין וועלכע די געוויקסע נויטיגען זיך אם שטארקסטען, איז דער ש ט י ק־ש ט א ף, אדער „ניטראדזשען“. דיזער שטאף איז אליין און פאר זיך א גאז; דאס איז איינער פון די גאזען, פון וועלכער די לופט באשטעהט. אבער די פלאנצען קענען געברויבען דעם שטיק־שטאף נאר אין א הארטער פארמע, ווען ער געפינט זיך אין דער פארמע פון א זאלץ. קיין שטיק־שטאף אין דער פארמע פון א גאז קענען זיי ניט געברויכען. אין נאטור זיינען דא אזעלכע פראצעסען, וואס פארוואנדלען דעם שטיק־שטאף פון דער לופט אין א זאלץ, און דיזער זאלץ פאלט אראפ, מישט זיך צוזאמען מיט דער ווייכער ערד און שפייזט די פלאנצען. אבער דיזע פראצעסען קומען פאר ניט איבעראל אין דער זעלבער מאס. עס זיינען דא שטיקער לאנד, וואס ענטהאלטען אין זיך זעהר ווייניג פון דיזען זאלץ, און דארטען קענען ניט וואקסען קיין פלאנצען, איבערהויפט אזעלכע, וואס נויטיגען זיך אין דיזען מאטעריאל אין א גרעסערער מאס. דיזער מאנגעל אין ניטראדזשען־זאלץ פיהלט זיך איבערהויפט שטארק אויף אזעלכע פעלדער, וואס ווערען פארזייעט פון יאהר צו יאהר. די פלאנצען (תבואה, גרינס, גראז פאר פיה) ציהען ארויס יעדען יאהר פון דער ערד מעהר ניטראדזשען־זאלץ ווי די נאטירליכע פראצעסען שאפען עס, און דעריבער ווערט אזא ערד מיט יעדען יאהר ארימער אין דיזען זאלץ און גיט אלץ קלענערע גערעטענישען. און זאל עס אנגעהן אזוי ווייטער, וועט נאך מוזען אמאל קומען אזא מאמענט, ווען עס וועט ניט זיין וואס צו עסען.

איז דאך שלעבט. וואס זשע טוט מען? האט די וויסענשאפט געפונען אן עצה.

עס איז דא אזא זאלץ, וואס רופט זיך ס א ל פ ע ט ע ר (אויף רוסיש — „סעליטרע“). דיזען זאלץ באנוצט מען פאר פארשיעדענע בעמישע צוועקען, אבער הויפטזעכליך מאכט מען פון איהם שיס־פולווער און אנדערע אויפרייס מאטעריאלען. אזוי ווי דיזער זאלץ ענטהאלט אין זיך א סך שטיק־שטאף, דעריבער צומאהלט מען איהם און מען באשיט מיט איהם די פארזייעטע פעלדער, און דיזער מיטעל ווירקט אויסגעצייכענט. און דעריבער איז סאלפעטער געווארען אן יוניווערסאלער מיטעל צו באמיסטיגען די ערד.

סאלפעטער באקומט מען הויפטזעכליך פון ט ש י ל י. טשילי — דאס איז א קליינע מדינה אין זיד־אמעריקא. דארטען איז דא א שטיק וויסטעניש פון עטליבע הונדערט סקווער מייל אינגאנצען באדעקט מיט סאלפעטער. און ווער עס האט גאט אין הארצען און שיפעז אויפ'ן ים פיהרט פון דארטען ארויס דיזען זאלץ. און טשילי אליין, ד. ה. די רעגיערונג פון לאנד, דערלייגט צו דעם אויך ניט. אבער יעצט, ווען די גרעסטע מאס סאלפעטער געהט אוועק פאר אויפרייס־מאטעריאלען, און ווען אין שיפען, וואס זאלען דעם סאלפעטער אריבערפיהרען, פיהלט זיך אזא מאנגעל, און ווען פראכט קאסט אזוי טייער, האט דיזער זאלץ אזוי הויך געשטיגען אין פרייז, אז עס לוינט זיך ניט מיט איהם צו באמיסטיגען די ערד.

איז דאך ווידער ניט גוט. וואס זשע טוט מען יעצט? און דא איז די וויסענשאפט ווידער געקומען צו הילף.

ערשטענס האט מען אנגעפאנגען צו פראדוצירען דעם סאלפעטער אויף א קינסטליכען אופן, מיט דער הילף פון עלעקטריציטעט. דער פראצעס צו פארוואנדלען דעם שטיק־שטאף פון דער לופט אין הארטען זאלץ ווערט דורכגעפיהרט אין אזעלכע אויווענס, אין וועלכע אן עלעקטרישער שטראם ענטוויקעלט א היץ פון זיבען טויזענד (7,000) גראד! דאס איז אליין און פאר זיך א וואונדערבארער פראגרעס פון וויסענשאפט און טעכניק, וועגען וועלכען עס וואלט בדאי געווען צו רעדען אביסעל מעהר, אבער דא קאנען מיר זיך דערוייל דערויף ניט אפשטעלען. און דאס צווייטע, וואס מען האט אנגעפאנגען פאר דער לעצטער צייט צו טאן, איז צו ענטוויקלען די אזוי־גערופענע „נ י ט ר א ד ז ש ע ן־ב א צ י ל ע ן“.

די געשיכטע וועגען דיזע באצילען איז א גאנץ אינטערעסאנטע. מיט אייניגע יאהר צוריק האט מען אויף די ווארצלען פון אייניגע גראזען ענטדעקט אזעלכע קליינע ווייסע שטיקלעך, און מען האט ניט געוואוסט וואס דאס איז און צו וואס מען דארף עס. א גרינדליכע אונטערזוכונג האט אבער ארויסגעצייגט, אז דאס זיינען קאלאניעס פון אזעלכע באצילען; און די הארטע טיילען — דאס זיינען די הייזלעך, די וואהנונגען, אין וועלבע די באצילען געפינען זיך.

באצילען זיינען אזעלבע קליינע פלאנצען, וועלכע מען קען זעהען נאר דורך א שארפען מיקראסקאפ. געוועהנליך זיינען זיי פאראזיטען, ד. ה. זיי לעבען אויף דעם חשבון פון יענע לעבעדיגע באשעפענישען און פלאנצען, אויף וועלבע זיי געפינען זיך. די „טובערקולאזיס באצילען“, צ. ב. ש., באזעצען זיך אויף די לונגען און עסען אויף דאס פלייש, פון וועלכע די לונגען באשטעהען, און עס בלייבט ניט מיט וואס צו אטעמען. די פיבער־באצילען כאפען זיך אריין אין בלוט און עסען אויף דאס ווייסעל, וואס דאס בלוט ענטהאלט אין זיך; און טאמער איז עס ווינציג, ענטוויקלען זיי נאך גיפטיגע גאזען, און פארגיפטען דעם קערפער. און בכלל זיינען די באצילען אזעלכע זאבען, וואס פארשאפען אונז א היבש ביסעל טראבעל. אבער דאס רוב באצילען זיינען גראד ניט קיין שעדליכע און פיעלע פון זיי זיינען גאנץ ניצליך. און אט צו דיזער קאטעגאריע באצילען באלאנגען די, וועגען וועלכע מיר רעדען דא.

דיזע באצילען זעצען זיך ארויף אין גאנצע קאלאניעס אויף די ווארצלען פון פיעל מינים געוויקסע און לעבען אויף דעם חשבון פון אייניגע מאטעריאלען, וואס די פלאנצען פראדוצירען. אבער צו דער זעלבער צייט באצאהלען זיי פאר זייער שפייז און וואהנונגען מיט א שעהנער מטבע. דיזע באצילען טוען א קלייניגקייט. אין דער ערד איז דאך דא לופט, און די לופט באשטעהט דאך הויפטזעכליך פון שטיק־שטאף, נעמען די באצילען דעם שטיק־שטאף פון דער לופט, וועלכער געפינט זיך אין א פארם פון גאז און פארוואנדלען איהם אין הארטע שטיקלעך אין פארם פון זאלץ. און ווען דער שטיק־שטאף געפינט זיך אין דער פארמע פון הארטע שטיקלעך, דאן קאנען זיי דיענען אלס אויסגעצייכענטע שפייז פאר די פלאנצען, וועלכע וואקסען און ענטוויקלען זיך פון דעם זעהר גוט.

דורכגעפיהרט ווערט עס אויף פאלגענדען אופן. עס זיינען דא לאבאראטאריעס, וואס צופלאדיען דיזע זעהר נויטיגע באצילען. מען רייסט ארויס פון דער ערד צוזאמען מיט'ן ווארצעל אזא מין גראז, וואס אויף זיינע ווארצלען געפינען זיך די קאלאניעס באצילען. אזא קאלאניע באצילען לייגט מען אריין אין אזא גלעזערנע בלי, וואס איז אנגעפילט מיט א ספעציעל צוגעגרייטע דזשעלי. דיזע דזשעלי דיענט אלס אויסגעצייכענטער שפייז פאר די באצילען, און די באצילען צופלאדיען זיך דארטען מיט א מערקווירדיגער שנעלקייט. דערנאך נעמט מען אביסעל פון דיזער דזשעלי, אין וועלבער עס געפינען זיך פיעלע מיליארדען פון באצילען, און מען צומישט עס מיט ספעציעל צוגעגרייטער ווייבער ערד. אין דיזער ערד־מאסע צופלאדיען זיך די באצילען נאך מעהר. נאכהער נעמט מען צו־ביסלעך

אזא ערד און מען פילט מיט זיי אָן בלעכערנע קענס און מען פארזיעגעלט עס. און מיט דעם ענדיגט זיך די ארבייט פון דער לאַבאָראַטאָריע.

די אַרבייט איז ניט אַזאַ איינפאכע, ווי עס זעהט אויס פון דיזער באַשרייבונג. צו דעם פאָדערען זיך געניטע כּיִמיקער ספּעציאַליסטען. ערשטענס זיינען דאָ אַ סך באזונדערע מינים פון אַזעלכע באַצילען, יעדער פלאַנץ האָט זיך זיין באזונדער מין, און דאָס אַלעס דאַרף מען וויסען. אַנדערש וועט דער פאַרמער באַנוצען איין מין באַצילען פאַר אַ צווייטען מין פלאַנץ, און וועט ניט באַקומען קיין רעזולטאַטען. און צווייטענס דאַרף מען וויסען ווי אַזוי מיט זיי זיך צו באגעהן כּדי צו פלאָדיען זיי וואָס מעהר.

די פאַרמערס קויפען אַזעלכע קענס מיט ערד, אין וועלכע די באַצילען געפינען זיך, און צומישען עס מיט וואַסער, און אין דיזען וואסער ווייקען זיי יענע קערענדלעך, וועלכע זיי ווילען פאַרזייען. די קערענדלעך טריקענט מען נאכהער אויס און מען פאַרזייעט זיי. און אַזעלכע קערענדלעך, וואָס אויף זיי געפינען זיך די באַצילען, גיבען אַמווייניגסטען אַ דאָפּעלטע גערעטעניש, ווי זיי וואָלטען געווען גענעבען אָהן די נויטיגע באַצילען.

# די פיזישע ערציהונג פון קינד

(פּראַקטישע עצות ווי צו היטען דעם קינד'ס געזונד)

פון ה. ג. סאלוצקי

אין דער פיזישער ערציהונג פון קינד זיינען די לעצטע צייטען פאָרגעקומען אונגעהויערע ענדערונגען. נאָך גאָר ניט לאַנג צוריק האָט מען בפירוש געגלויבט אז דאָס קינד וואָלט ניט געקענט האַלטען גלייך זיין קערפּער סיידען מען זאָל דאָס קרעמפּעווען אין וויקעלעך מיט וויקעל־שנירען, דאָס וואָלט אין לעבען ניט געגאַנגען, מען זאָל דאָס ניט לערנען מיט דער הילף פון אַ גאַנג־וועגעלע, און דאָס וואָלט קיינמאָל ניט איינגעשלאָפען מען זאָל דאָס ניט פאַרוויגען. וועגען קאָרמענען דאָס קינד האָט מען געוואוסט איין געזעץ: ווען דאָס קינד וויינט דאַרף מען עס געבען די ברוסט.

די ריינליכקייט, אין וועלכער קינדער זיינען געהאַלטען געוואָרען, איז געווען גאַנץ צווייפעלהאַפט. ניט נור האָט מען ניט געביטען די וויקעלעך יעדעס מאָל, וואָס דאָס קינד האָט זיך נאַס געמאַכט, נאָר מען האָט דאָס אָפט אריינגעלעגט אין דער וואַנע מיט די וויקעלעך און מיט אַלעם וואָס זיי האָבען אין זיך ענטהאַלטען... די ברוסט האָט די מוטער געוואַשען אַזוי אָפט ווי זי האָט גענומען אַ וואַנע, און ניט נאָך יעדען מאָל געבען זויגען דעם קינד, ווי דאָס ווערט יעצט געטאָן אין ציוויליזירטע הייזער. היינט ווער האָט דאָס געטראַכט וועגען פּרישער לופט. „וואָס ווייסט אַן עופה'לע פון לופט?“ מען האָט געוואוסט, אַז אַ קינד דאַרף זיין וואַרעם; די פענסטער מוזען אימער זיין גוט צוגעמאַכט; די גאַס טאָר דאָס ברעקעלע אין די אויגען ניט אָנזעהן, סיידען עס איז גוט הייס. מיט איין וואָרט, מען דאַרף זיך שטאַרק היטען עס זאָל דערויף חלילה קיין ווינטעל ניט בלאָזען.

דער רעזולטאַט פון אַזאַ „וויסענשאַפטליכער“ ערציהונג פלעגט זיין אַ שרעקליך הויכע קינדער־שטערבליכקייט. מען האָט זעלטען באַגעגענט אַ מוטער וואָס האָט ניט געהאַט „אַ געבראָכען הארץ“. אַזוי ווי אָבער קינדער פלעגט מען האָבען אָהן אַ שיעור, זיינען נאָך אַלץ גענוג געבליבען לעבען, אז די וועלט זאָל ניט אונטערגעהן. מיט די קינדער, וואָס האָבען באַוויזען בייצוקומען די גאַנצע אונוויסענהייט און דאָך בלייבען לעבען, איז געווען שרעקליך פיעל יסורים. וועלכעס קינד האָט דאָס ניט געהאַט יעדען מאָנטאַג און דאָנערשטאַג אַ „קראַמף אין בייכעלע“? היינט וואָס פאַר אַ צרות מען האָט געהאַט אויסצושטעהן, ווען דאָס קינד האָט געמאַכט צייהנדלעך. דאָס ערשטע יאָהר, אָדער די ערשטע צוויי יאָהר פון קינד'ס לעבען, האָבען פאַר די מעהרסטע מוטערס געמיינט שלאָפלאָזע נעכט און רוהלאָזע טעג. אַ קינדערשע פיגור איז זעלטען געווען אַזוי שלאַנק און גראַציעז, ווי היינט. די פיסלעך זיינען אָפט געווען צוקרומט, דאָס בייכעל גרויס און דאָס האָט ניט באַזעסען די פלינקקייט פון דעם היינטיגען קינד.

ענדליך איז געקומען די ענטוויקלונג פון די פאַרשיעדענע מאָדערנע וויסענשאַפטען. צווישען אַנדערע האָט אויך אַ שטאַרקען וואוקס געטאָן די וויסענשאַפט, וואָס רופט זיך „קינדער־היגיענע“, און האָט צו טאָן מיט דעם פיזישען וואָהלזיין פון קינד. איהר צו פאַרדאַנקען איז דער פּראָצענט פון קינדער־שטערבליכקייט אונגעהויער פיעל געפאַלען, און אַ חויז וואַקסען די קינדער אויס שטאַרקערע, געזונדערע און פאָלגליך גליקליכערע. אויב מיר האָבען נאָך אין דער הינזיכט ניט ערדייכט אַזאַ הויכע שטופע, ווי מיר וואָלטען געוואָלט און געדאַרפט ערדייכען, איז דאָס ניט דערפאַר, וואָס מיר ווייסען ניט ווי אַזוי, נאָר ווייל די שלעכטע עקאָנאָמישע באַדינגונגען און די אונוויסענהייט, וואָס חערשט נאָך שטאַרק אויף דער וועלט, דערלאָזען דאָס ניט. די קינדער־היגיענע האָט אונז געעפענט די אויגען און געוויזען דעם וועג ווי צו פיהרען דאָס קינד צום פיזישען וואָהלזיין.

די געזעצען פון קינדער־היגיענע זיינען זעהר איינפאַך און גאָר־ניט שווער דורכצופיהרען, אויב נור די מוטער איז פעסט ענטשלאָסען זיי צו פאָלגען און ניט הערען די עצות פון די פרויען אַרום איהר, וועלכע האַלטען פון פיהרען זיך ווי אין דער באָבע'ס צייטען. אַזוינע עצה־געבערינס באַגעגענט מען זעהר פיעל. אַן עלטערע פרוי וועט אַמאָל באַהויפּטען: „נאַרישקייטען — די אַלע נייע חכמות, איך האָב געהאַט צעהן קינדער, וויל מען מיר דערצעהלען ווי מען דאַרף האָדעווען אַ קינד. פאָלגט מיך און פיהרט זיך ווי מען האָט זיך תמיד נוהג געווען“. ווען איהר פרעגט די זעלבע ערפאַהרענע פערזאָן, וויפיעל קינדער זיינען איהר געבליבען פון די צעהן, ענטפערט זי מיט אַ טיעפען זיפץ: „דריי, ניט פאַר אייך געדאַכט“.

אַזוי ווי פון קינד'ס פיזישען וואָהלזיין, די ערשטע פאַר יאָהר פון זיין לעבען, העננט אָפטמאָל אָפּ זיין גאַנצע צוקונפט, איז עס העכסט וויכטיג צו נעהמען עצות פון די גרעסטע אויטאָריטעטען, די דאָקטוירים, וואָס האָבען זיך ספּעציעל אָפּגעגעבען מיט שטודירען קינדער און זייערע פיזישע באַדערפעניסען, ד. ה. מיט שטודירען קינדער־היגיענע, און ניט פון די, וועלכע זיינען, אמת, פון דער נאַטור באַרופען געוואָרען צו זיין קינדער־פלעגערינס, אָבער זיי האָבען ניט די וויסענשאַפט צו זייער דיענסט.

אין די קומענדיגע אַרטיקלען וועלען מיר פּרובירען דאַרלעגען הויפּט כּללים פון קינדער־היגיענע, וועלכע זיינען יעצט אַלגעמיין אַנערקענט פון די גרויסע וויסענשאַפטס־מענער, וואָס האָבען געווידמעט זייער לעבען דעם קינד פון היינט, דעם מענשען פון דער צוקונפט.

# די קאָנווענשאַן פון לייבאָר ליעג

פון אב. עפשטיין

די ניינטע יעהרליכע קאָנווענשאָן פון לייבאָר ליעג, אונזער געשוועסטער אָרגאַניזאַציאָן, איז דיזען יאָהר אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין דער באַוואוסטער שטאָדט פון שיך־פאַבריקאַציאָן, בראָקטאָן, מאַסס. אויב איך האָב ניט קיין טעות, איז דאָס שוין די זיבעטע קאָנווענשאָן, אויף וועלכע איך האָב געהאַט די עהרע און פאַרגעניגען אנוועזענד צו זיין, רעפּרעזענטירענדיג דעם אַרבייטער רינג, אָדער וועהרענדיג פּערזענליך איינגעלאַדען.

נאָך קיין קאָנווענשאָן האָט אויף מיר ניט איבערגעלאָזען אַזאַ גוטען איינדרוק, מיט אַזוי פיעל שעהנע און אַנגענעהמע עראינערונגען, ווי די לעצטע קאָנווענשאָן. איך גלויב ניט, אַז מיין שפּראַך איז רייך גענוג איך זאָל קענען איבערגעבען פאַר די לעזער פון „פריינד“, וואָס איך האָב אין די דריי טעג, וואָס די קאָנווענשאָן האָט אָנגעהאַלטען, איבערגעלעבט. דאָס זיינען געווען דריי טעג פון אמת׳ער באַגייסטערונג, פון מוזיק און פּאָעזיע. אין אַלגעמיין איז די קאָנווענשאָן, ווי אַלע אַנדערע קאָנווענציאָנען, אַלס אַ דעמאָנסטראַציע, געווען זעהר אַ גרויסער ערפאָלג. די קאָנווענשאָן האָט ווירקליך דעמאָנסטרירט די גרויסע כחות פון דער אָרגאַניזאַציאָן, די אמת׳ע איבערגעבענהייט פון איהרע מעמבערס, דעם גרויסען צוטרויען וואָס די מעמבערס האָבען צו זייערע פאָרשטעהער און בעאַמטע, און ספּעציעל דעם וואונדערבאַרען גלויבען, וואָס די פאַרטרעטער פון איבער דריי טויזענד מעמבערס האָבען אַרויסגעוויזען ביי יעדער געלעגענהייט צום אַרבייטער רינג, די מערקווירדיגע ליעבע און איבערגעבענהייט צו זייער מוטער־אָרגאַניזאַציאָן, ווי זיי אַנערקענען דעם אַרבייטער רינג.

זעהר פיעל קרעדיט, און פילייכט דעם גאַנצען קרעדיט, פאַר דעם גרויסען ערפאָלג פון דער קאָנווענשאָן, קומט די בראָקטאָנער פריינדע און גענאָסען. מעמבערס פון לייבאָר ליעג און מעמבערס עט לאַרדזש פון אַרבייטער רינג, אַ חוץ וואָס זיי האָבען זעהר פיעל בייגעשטייערט פינאַנציעל, האָבען זיי אַוועקגעגעבען אַ מאַסע צייט און ענערגיע; איינינגע פון זיי האָבען פשוט פאַרגעסען, אַז זיי האָבען פאַמיליען צו פאַרזאָרגען און בעלי־בתים וואָס ווילען ניט ליידען צו־פיעל ימים־טובים.

ריידענדיג וועגען די פריינד פון בראָקטאָן, וויל איך אויסניצען די געלעגענהייט און איבערגעבען פאַר די מעמבערס פון אַרבייטער רינג פאָלגענדען פאַקט: מיט אַ יאָהר צעהן צוריק, ווען איך בין געקומען אין מאַסאַטשוסעטס סטייט מיט דער מיסיאָן פון „איין אַרבייטער רינג אין אַמעריקא“, האָט מען מיר איבעראַל, איבער׳ן גאַנצען סטייט, מיט שטיינער פאַרוואָרפען. בראָקטאָן איז געווען די ערשטע און די איינציגע וואָס האָט מיך ניט נאָר אויסגעהערט, נאָר מיך זעהר וואַרים, אמת פריינדליך, אויפגענומען און מיט ראַט און טאַט מיר געהאָלפען. און אַזוי איז בראָקטאָן ביז׳ן היינטיגען טאָג געבליבען לאָיאַל, טריי, דעם אַרבייטער רינג. און אויב מיר וועלען אַמאָל האָבען „איין אַרבייטער רינג אין אַמעריקא“, ווי איך האָף אַז גאָר קירצליך וועט עס געשעהען, וועט דער גאַנצער קרעדיט באַלאַנגען צו בראָקטאָן. „בראָקטאָן וועט פיהרען דעם חתן צו דער חופּה“, ווי איך האָב זיך אויסגעדריקט ביי אַן אַנדער געלעגענהייט.

איידער איך געה איבער צו איינצעלהייטען, וויל איך נאָך באַמערקען, אַז די גאַנצע קאָנווענשאָן איז געווען דורכגעוועבט מיט צוויי העלע גאָלדענע שניר: יעדע רעדע, וואָס איז געהאַלטען געוואָרען, יעדע פראַגע, וואָס איז באַריהרט געוואָרען, זאָגאַר יעדער פאָרשלאַג, וואָס איז געמאַכט געוואָרען, איז באַגלייט געוואָרען מיט דעם געדאַנק, אַז דער לייבאָר ליעג איז בלויז אַ צייט־פראַגע. „אונזער וואונש איז צו ווערען מעמבערס אין אַ. ר.“ די ווערטער, אַז „דאָס איז אונזער לעצטע קאָנווענשאָן“ איז פיעלע און פיעלע מאָל ווידערהאָלט געוואָרען, כמעט פון אַלע דעלעגאַטען, וואָס האָבען נאָר געהאַט די געלעגענהייט צו ריידען. אַזוי אויך די פראַזע פון „איין אַרבייטער רינג אין אַמעריקא“. דער צווייטער שנור איז געווען: די אַרבייטער־באַוועגונג, דער קלאַסען־קאַמפּף, דער נאַציאָנאַליזם, קאָ־אָפּעראַטיוועס, א. אַ. וו. אין יעדען וואָרט, וואָס איז געפאַלען אויפ׳ן קאָנווענשאָן פלאָר, האָט זיך געפיהלט אַז עס קומט פון אינטעליגענטען, ציעל־באַוואוסטע אַרבייטער־סאָציאַליסטען. יעדע ראַדיקאַלע באַוועגונג איז פון קאָנווענשאָן ניט נאָר גוטגעהייסען געוואָרען דורך רעזאָלוציאָנען, ווי עס טרעפט זעהר אָפט אין אונזער באַוועגונג, נאָר געשטיצט געוואָרען מיט באַדייטענדע סומען געלד. פר. פיינערמאַן, וועלכער איז מיט מיר געזעסען אויפ׳ן פּלאַטפאָרם אַלס געלאַדענער גאַסט, און וועלכער איז אין קאַמפּיין פאַר פּראָטוירנאַל רייטס געוואָרען אַ סטאַטיסטיקער, האָט אויסגערעכנט אַז „פּראָפּאָרציאָנעל האָבען זיי באַוויליגט פיעל מעהר פינאַנציעלע שטיצע צו דער אַרבייטער־באַוועגונג, ווי דער גרויסער אַרבייטער רינג“. זעהר אָפט איז דאָס קינד בעסער ווי די מוטער. באַזונדערס איז דאָרטען די קאָ־אָפּעראַטיווע באַוועגונג געווען זעהר שטאַרק פאַרטראָטען. איינינגע ל. ל. בראַנטשעס האָבען קאָאָפּעראַטיווע בעקערייען, ספּעציעל צייכענט זיך אויס בר. 3 ל. ל., וואוסטער. זיי האָבען דאָרטען זעהר אַן ערפאָלגרייכע קאָאָפּעראַטיווע בעקעריי און די גאַנצע אידישע באַפעלקערונג פון וואוסטער עסט ל. ל. ברויט. אורטיילענדיג לויט די פּראַכטפולע גרויסע קייקס, וואָס די פאַרטרעטער פון וואוסטער האָבען געבראַכט צום קאָנווענשאָן, איז זייער בעקעריי געוויס אַן אונגעהויערער ערפאָלג. הלואי ביי אונז אין ניו יאָרק ניט ערגער.

נאָך דער הקדמה וויל איך אין קורצע שטריכען איבערגעבען איינינגע מאָמענטען, וואָס זיינען נאָך פריש אין מיין זכרון. די קאָנווענשאָן האָט זיך ערעפענט פרייטאג אבענד, דעם 30טען אויגוסט, אין איינעם פון די גרעסטע און שעהנסטע האָלס אין האַרץ פון בראָקטאָן. דער האָל איז געווען געפּאַקט און פּראַכטפול דעקאָרירט מיט אַמעריקאַנער און רויטע סאָציאַליסטישע פלעגס, אפילו די גאַלעריען זיינען געווען פול מיט יום־טוב׳דיג געקליידעטע מענער און פרויען, מעמבערס פון ל. ל., זייערע סימפּאַטייזער און גלאַט באַזוכער. אויפ׳ן פּלאַטפאָרם — אַ גרויסע בילד פון אונזער גרויסען רבי און פאָרקעמפּפער קאַרל מאַרקס, אַ סימפאָני אָרקעסטער אונטער דער פיהרערשאַפט פון אַ מעמבער פון ל. ל. (דוכט זיך, אויך פון א. ר.) האָט געשפּיעלט איינינגע קלאַסישע שטיק מוזיק און האָט צוגעגעבען פיעל פייערליכקייט. דאָ און דאָרט האָבען זיך איינינגע איינע די אַנדערע די הענד געדריקט, איינע די אַנדערע וואַרים באַגריסט, אַ גרויסע משפּחה איז זיך צוזאַמענגעקומען אויף אַ שמחה. אונטער די טענער פון דער מאַרסעליעזע האָבען די באָאַרד און דירעקטאָרס מיט זייער טשערמאַן פר. אייזענבערג אָן דער שפּיצע אַרויפגעגאַנגען אויף דער פּלאַטפאָרם. דאָ האָט דער גאַנצער האָלל אויסגעבראָכען אין אַ שטאַרקען אַפּלאָז און הוראַ־געשרייען, אַז איך אַליין, וואָס האָב שוין בייגעוואוינט אַזעלכע פאַסירונגען, בין אויך הינגעריסען געוואָרען, ווייל איך האָב געפיהלט אַז דער ענטוזיאַזם איז ניט קיין

געקינסטעלטער, נאָר פון אמת'ן הארצען, פון דער נשמה. נאָך דעם ווי פר. אייזענבערג האָט אין אַ קורצער אָבער זעהר פיינער רעדע איבערגעגעבן דעם צושטאַנד פון ל. ל. און זיין וואונש, אַז דאָס זאָל שוין זיין די לעצטע קאָנווענשאָן פון ל. ל., ווערט פר. באַקסט ערוועהלט אַלס צייטווייליגער טשערמאַן. נאָך דעם ווי ער אַליין האַלט זעהר אַ געלונגענע רעדע דורכגעפעפערט מיט הומאָר, ווי זיין שטייגער איז, שטעלט ער דאַן פאָר באַגריסער פון דער טרייד־יוניאָניסטישער און סאָציאַליסטישער באַוועגונג. אַלע רעדנער אָהן אויסנאַהם דריקען אויס זייער צופריעדענהייט מיט דעם ל. ל. און ווינשען דאָך אַז דער ל. ל. זאָל זיך פאַראייניגען מיט דעם גרויסען אַ. ר. און האָבען איין מעכטיגע פאַראייניגטע אידישע אַרבייטער־באַוועגונג איבער'ן גאַנצען לאַנד. צולעצט ווערען פאָרגעשטעלט די פאַרטרעטער פון אַרבייטער רינג: פר. אַרקין, פר. דריישפּיעל — ערוועהלט פון קאָנווענשאָן, פר. פיינערמאַן — איינגעלאַדענער גאַסט, פר. גוסקין און מיין ווייניגקייט, ערוועהלט פון דער עקזעקוטיווע קאָמיטע. עס איז מיר אונמעגליך איבערצוגעבן מיט וואָס פאַר אַ וואַרימקייט, מיט וואָס פאַר אַ פריינדליכקייט, אונזערע רעדנער זיינען אויפגענומען געוואָרען, מיט וואָס פאַר אַן אויפמערקזאַמקייט מיר זיינען אויסגעהערט געוואָרען. יעדער אַפּיעל, יעדער רוף פאַר מעהר אויסדויער, פאַר מעהר אָפּפער, פאַר מעהר אנשטריינגונג, ביז מיר וועלען ערגרייכען אונזער געמיינשאַפטליכען ציעל, איז מיט גרויס בייפאַל אויפגענומען געוואָרען. עס איז זייער איינציגער הייליגער וואונש צו ווערען מעמבערס אין אַ. ר. און קיין זאַך וועט פאַר זיי ניט זיין צו שווער אום צו ערגרייכען דעם וואונש וואָס שנעלער. עס איז אויך ווערטה צו באַמערקען, אַז צו דער גרויסער שמחה האָבען זעהר פיעל מיטגעהאָלפען די קינדער פון דער סאָציאַליסטישער זונטאַג־שוהלע. עס איז ווירקליך געוועזן אַן אמת גייסטיגער פאַרגעניגען צו הערען איינינגע צעהנדליגע קינדער זינגען די בעקאַנטע אַרבייטער־ליעדער.

דעם שבת'דיגען טאָג מוז איך אין גאַנצען איבערהיפּען, ווייל דעם ערשטען האַלבען טאָג האָבען געמיטעט אַלע רעקאָמענדאַציאָנס קאָמיטעען און דעם צווייטען האַלבען טאָג האָבען דער טשערמאַן און אויך דער סעקרעטער אָפּגעגעבן זייערע באַריכטען. וואָלט איך געהאַט די צייט און מעהר פּלאַץ, וואָלט זיכער כדאַי געווען זיך אָפּצושטעלען אויף איינינגע פּונקטען פון זייערע באַריכטען. פּונקט ווי פיעלע פון זייערע באַשליסע, וואָס זיינען געפּאַסט געוואָרען מאָנטאַג אין איילעניש, פאַרדיענען באַריהרט צו ווערען. ביי דער ערשטער בעסטער געלעגענהייט וועל איך עס פיליכט טאָן, ווייל איך דענק אַז איינינגע פּונקטען, סאַי פון די באַריכטען און סאַי פון זייערע באַשליסע, זיינען פון באַדייטענדער וויכטיגקייט, ספּעציעל פאַר די פון אונז, וואָס אינטערעסירען זיך מיט דער מאַסס. „אפּערע“. ווי איהר זעהט, איז שבת געווען אַ טאָג פון ביזנעס. איינער פון די דעלעגאַטען האָט מיר זעהר גוט באַמערקט: „עס איז זעהר אַ טרוקענער שבת“. דערפאַר איז אָבער רער זונטאַג געווען זעהר אַן אינטערעסאַנטער. אַרום 11 אוהר פריה זיינען זיך צוזאַמענגעקומען אַלע מעמבערס פון באָסטאָן און אַרום באָסטאָן אויף גרויסע אויטאָמאָבילס, פיעלע זיינען געקומען מיט זייערע פרויען, און אַרום דעם שעהן־דעקאָרירטען לייבאָר לייסעאום האָבען זיי זיך פאָרמירט אין ליינס. מיט גרויסע פלעגס און פּאַסענדע טראַנספּאַראַנטען, אונטער רי טענער פון צוויי בענדס מוזיק, האָבען זיי פּאַראַדירט דורך דעם גאַנצען אידישען געגענד. דער פּאַראַד איז געווען אַזוי שעהן, אַז איך האָב זיך ניט געקענט צוריקהאַלטען און האָב נאָכגעהאַלטען דעם הויכען קאַפּעלמייסטער מיט דער גרויסער ווייסער פוטערנער היטעל. נאָך מעהר באַגייסטערט בין איך געוואָרען, ווען דער גאַנצער עולם האָט אַריינגעפּאַראַדירט מיט די פלעגס אין האָלל. דאָ זיינען נוידער געהאַלטען געוואָרען רעדעס. יעדער ברענטש האָט געהאַט זיין פאַרטרעטער און יעדער פאַרטרעטער האָט באַגריסט די קאָנווענשאָן. דער גרויסער עולם, די קורצע אָבער זעהר שעהנע און קלוגע רעדען, וואָס זיינען געהאַלטען געוואָרען, איבערהויפּט די אַלגעמיינע אינטעליגענץ, וואָס האָט זיך דורכגעוואָרפען צווישען די פאַרטרעטער פון די ברענטשעס, האָט מיך אַזוי הינגעריסען, אַז איך האָב קוים דערלעבט מען זאָל מיר געבען די פּלאַטפאָרם. איך וואָלט אייך אויך דערצעהלט, אַז איינינגע האָבען געקראָגען אַלס אנערקענונג פאַר זייער אַרבייט „לאָווינג קאָפּס“, איך וויל אייך אָבער ניט גורם זיין צו קיין עבירה. איהר קענט נאָך אַמאָל מקנא זיין.

מאָנטאַג, אַרום 3 אוהר נאַכמיטאַג, איז די קאָנווענשאָן געשלאָסען געוואָרען, און ווידער זיינען געהאַלטען געוואָרען באַגייסטערטע רעדעס, און צום דריטען מאָל האָבען די פאַרטרעטער צום ל. ל. קאָנווענשאָן דורך זייערע אַפּלאָדיסמענטען געשוואָרען טרייהייט צום ל. ל., צום אַרבייטער רינג און צו דער אַלגעמיינער אַרבייטער־באַוועגונג.

צו זיין טריי צו מיין איצטיגער אויפגאַבע, אַז איך גיב איבער אַלץ וואָס איך האָב בייגעוואָהנט ביים קאָנווענשאָן, מוז איך אויך דערצעהלען, אַז עס איז געווען זעהר אַ שעהנער באַנקעט און נאָך אַ שעהנערער קאָנצערט און אויך אַ באָלל, וועלכען איך האָב שוין ניט געקענט באַזוכען, גאָר אַזוי ווי ביי אונזערע קאָנווענציאָנען, נאָר פיליכט מיט מעהר טאָלק.

צום שלום וויל איך נאָך איבערגעבען, אַז מיט גרויס באַגייסטערונג איז איינשטימיג אָנגענומען געוואָרען אַ רעזאָלוציאָן צו אינדאָרסירען די שטעלונג פון לעצטען אַרבייטער רינג קאָנווענשאָן — אויסצושטרעקען אַ פריינדליכע ברודער־האַנד צו רי מעמבערס פון אינדעפּענדענט אַרבייטער רינג, און שליס מיט די ווערטער, וואָס איינער פון די דעלעגאַטען האָט מיר געזאָגט ביים זעגענען זיך: „טראָגט אַוועק אַ גרוס צו אייערע צוויי און זעכציג טויזענד מעמבערס, בעט זיי זיי זאָלען אָן אונז ניט פאַרגעסען, מיר ווילען איין אַרבייטער רינג אין אַמעריקא“.

---

די בעסטע רפואה איז אָ פּ ת י מ ע ן דאָס געזונד. די שעהנסטע פרוי איז די ג ע ז י נ ד ס ט ע פרוי. דאָס מעכטיגסטע וואָרט איז דאָס פ ר י י ע וואָרט.

* * *

זייט זיך נישט מיאש, ווען איהר זייט נישט ערפאָלגרייך מיט אייער פריינד, ווענמען איהר ווילט אַריינציהען אַלס מעמבער אין אַרבייטער־רינג. ווען איהר וועט אָנהאַלטען אייער אַרגומענטאַציע טאָג־איין, טאָג־אויס, וועט ער בעסער ווערען. גיט איהם צו לעזען עטליכע נומערען „פריינד“.

* * *

קען דען זיין פריינדשאַפט צווישען דעם קעשענע־גנב און דעם, וואָס זיין בייטעל איז ביי איהם גע'גנב'עט געוואָרען?

— ג. י. האַלוויאַק.

* * *

צו לאָזען זיך שטרייכען פון אַרבייטער־רינג איז צו באַגעהן אַ גייסטיגען זעלבסט־מאָרד.

* * *

רעגיערונג און קאָאָפּעראַציאָן זיינען אימער און אין אַלע זאַכען די געזעצען פון לעבען. געזעצלאָזיגקייט און קאָנקורענץ זיינען אימער און אין אַלע זאַכען די געזעצען פון טוידט. — דזשאָהן רוסקין.

* * *

דער אמת פיהרט אונז שטענדיג פאָרווערטס. אָבער מיט'ן שקר קענען מיר ווייט נישט קומען — עס קען אונז נור דערוויטערען.

— געטהע.

* * *

אויב איהר האָט נישט קיין פּאה, טו זייט אַזוי גוט און מאַכט אַ קניפּ אין אייער טאַשען־טיכעל, כדי איהר זאָלט נישט פאַרגעסען: איהר נאָך אַלץ נישט אַריינגענומען דיזען יאָהר קיין נייעם מעמבער אין אַרבייטער רינג!

* * *

„עס וועט קומען אַ צייט, ווען אַלעס וועט זיך אויסגלייכען“ — האָט דעבס באַרוהיגט זיינע פריינדע, ווען מ'האָט איהם פאַראורטיילט אין קליוולאַנד. יאָ, ליעבער יודזשין, מיר גלויבען אויך אַזוי...

* * *



# די גוטע און די שלעכטע פויגעלע

(אַ מעשה'לע פאַר קינדער)

פון מלכה טוזמאַן



ערגעץ אין אַ גערטענדעל, וואו עס זיינען געוואַקסען קליינע בוימעלעך און קוסטעס, בלומען און אַלערליי גראָזען, זיינען צוויי הויכע, געדיכטע בוימער אויסגעוואַקסען. אויפ'ן שפּיץ פון איין בוים האָט זיך אַ בלויע זינג־פויגעלע איהר היים געמאַכט. אַלע פריהמאָרגען פלעגט די פויגעלע אַרויספליהען פון איהר נעסט און שפּרינגענדיג פון איין צווייגעל צו דער צווייטער זינגען איהר פריהמאָרגען ליעדעלע. אַזוי האָט די פויגעלע געלעבט אַ שטיקעל צייט ביז איהר איז לאַנגווייליג געוואָרען צו זיין אַליין אין גאָרטען. זי האָט געוואונשען אַז אַ צווייטע פויגעלע זאָל זיך פאַרקלייבען אין דעם צווייטען בוים געגענאיבער.

אין אַ שעהנעם פריהמאָרגען איז די בלויע פויגעלע אַרויסגעפלויגען זוכען וועריםלעך און האָט זיך פערזאַמט אַביסעל לענגער ווי געוועהנליך, און שטעלט זיך פאָר איהר פרייד ווען, קומענדיג צוריק און פאַרבייפליהענדיג דעם צווייטען בוים, האָט זי דערזעהן אַ פויגעלע בויענדיג אַ היים, וואו זיך צו באַזעצען איבער זומער. דאָס איז אויך געווען אַ שעהן פויגעלע, אָבער ניט קיין בלויע, נאָר אַ רויט־בייכיגע. באַלד האָט די בלויע פויגעלע געשלאָסען באַקאַנטשאַפט מיט'ן רויט־בייכיגען גאַסט און האָט איהר געהאָלפען בויען איהר נעסט. פון דאַן זיינען די צוויי פויגעלעך גוטע פריינד פאַרבליבען, ביז אין אַן אומגליקליכער נאַכט איז אַ שטורם געקומען און האָט אונזער גוטער בלויער פויגעלע'ס היים צושטערט. די נאַכט איז געווען אַ שרעקליכע. עס איז געווען אונמעגליך פאַר אַ צאַרטער פויגעלע איבערנעכטיגען אין דרויסען, האָט זי זיך אַ פאַרצווייפעלטע געלאָזט דורך רעגען און שטורם צו איהר רויטער שכנה, וואו זי איז געווען זיכער שוץ צו געפינען. „לאָז מיך איבערנעכטיגען מיט דיר, מיין ליעבע שכנה", האָט זיך געבעטען די בלויע פויגעלע. „מיין היים איז צושטערט און אין דרויסען רעגענט. איך ציטער אינגאַנצען פאַר קעלט. נאָך איבער איין נאַכט און איך וועל דיר דאַנקען". אָבער ניט אַזוי גוטהערציג איז געווען איהר רויט־בייכיגע חבה'טע, און זי האָט איהר געענטפערט: „לײדער קען איך דאָס ניט טון, ערשטענס, איז מיין וואוינונג ניט גרויס גענוג פאַר צווייען און, צווייטענס, האָב איך מורא דיך אריינלאָזען, ווייל דו ביזט אַן אומגליקליכע, וועסט נאָך דאָס אומגליק מיט זיך ברענגען צו מיר און מיך וועט אויך אַן אומגליק טרעפען".

מיעד און פאַרצווייפעלט האָט זיך די גוטע, היימלאָזע פויגעלע געלאָזט זוכען ערגעץ אנדערשוואו אַ פּלאַץ וואו זיך צו באַשיצען פון רעגען, און אין אַ געדיכטען קוסט האָט זי אין שרעק די נאַכט פאַרבראַכט.

ענדליך איז טאָג געוואָרען. דער שטורם איז פאַראיבער און דער רעגען האָט אויפגעהערט צו גיסען און די אָרימע פויגעלע איז אַרויסגעפלויגען פון הינטער איהר באַהעלטעניש זיך טריקענען אויף דער זון. זיך אָפּגעטריקענט, צוריק צו איהר כח געקומען, האָט זי זיך ענערגיש גענומען בויען אַ נייע היים. ניט לאַנג האָט גענומען און די נייע היים איז פאַרטיג געוואָרען, און ווידער איז די בלויע פויגעלע געווען גליקליך ווי פריהער און האָט ווידער איהרע ליעדעלעך פריהמאָרגענס געזונגען.

אין גאָר אַ קורצער צייט אַרום איז אַ צווייטער שטורם געקומען און האָט דער רויט־בייכיגער'ס היים צושטערט און אַ הוילע איז זי געבליבען אין שטורם און רעגען. עס האָט געדונערט און געבליצט און זי האָט ניט געוואוסט וואָס צו טון. צו איהר בלויער שכנה האָט זי ניט געקענט געהן, ווייל זי האָט זיך דערמאָנט ווי זי האָט יענער אויפגענומען אין איהר אומגליק, איז איהר געבליבען ניט מעהר ווי זיצען און וואַרטען פאַר'ן טויט, און שטאַרבען האָט זיך איהר זעהר ניט געוואָלט.

דורך די בליצען האָט די גוטע בלויע פויגעלע באַמערקט וואָס עס האָט געטראָפען און האָט זיך גלייך געלאָזען דורך רעגען צו רעטען איהר שכנה. קומענדיג האָט זי געזאָגט: „קום, פליה מיט מיר אין מיין נעסט, דו קענסט דאָ ניט פאַרבלייבען די גאַנצע נאַכט. ביי מיר וועסטו זיך אויסטריקענען און אויסרוהען. מיין וואוינונג איז גרויס גענוג פאַר צווייען אין אַן אומגליק". די רויטע, היימלאָזע איז איבערראַשט געוואָרען פון אַזאַ גוטסקייט און האָט זיך שטאַרק פאַרשעהמט. נאָר זי איז געווען צופריעדען פון דעם פלאַן און מיט אַן אראָפּגעלאָזענער קעפּעל האָט זי זיך נאָכגעלאָזען פליהען נאָך איהר שכנה. די גוטע ווירטין האָט איהר נאַכטלעגער אָפּגעבען איהר גאַסט און אַליין איז זי איבערגעלאָפען אין אַ ווינקעלע. צו־מאָרגענס האָט די רויטע פויגעלע, ווי אַ פאַרשולדיגטע, גלייך געוואָלט פאַרלאָזען די נעסט. זי האָט ניט געקענט איהר גוטער שכנה אין די אויגען קוקען, ווייל זי האָט ערשט באַגריפען ווי שלעכט זי האָט געגען איהר גוטער פריינדין געהאַנדעלט, נאָר די בלויע פויגעלע האָט זי ניט געלאָזט אוועקגעהן. „ניין, מיין שכנה", האָט זי געזאָגט, „היינטיגער טאָג וועט ביי דיר זיין אַ שווערער. דו מוזט זיך אַ נייע היים בויען, דאַרום מוזטו פריהער אָפּעסען אוס דו זאָלסט כח האָבען צו אַרבייטען". און זיי האָבען געגעסען צוזאַמען. נאָכ'ן עסען האָבען זיי זיך צוזאַמען גענומען צו דער אַרבייט. מיט דער הילף פון איהר שכנה איז די רויט־בייכיגע פויגעלע גיך בענייט געוואָרען מיט אַ היים.

די גוטסקייט פון דער בלויער פויגעלע האָט אַזוי ווייך געמאַכט דאָס האַרץ פון דער שלעכטער רויטער פויגעלע, אַז פון דאַמאָלס אָן איז זי אַלע מאָל געווען גרייט צו העלפען יעדען וועלכער עס האָט זיך גענויטיגט אין הילף.

---

וויפיעל שקרים עס זאָלען נישט פאַרזעעט וועָרען ביי די, וועלכע קענען נאָר אַ דאַנק זיי אַנהאַלטען זייער הערשאַפט, עס קען קיין אַנדער זאַך סוף כל סוף נישט אַרויסוואַקסען, אויסער אמת.

* * *

אַ ברענטש, וואָס פאַרהיט נישט אַז זיינע מעמבער זאָלען נישט געשטראָפען וועָרען, איז געגליכען צו אַ לעכערדיגען זאַק. עס קען קיינמאָל נישט פול וועָרען.

* * *

וויכהערציגקייט און פּראָפיטען קענען קיין פּאַרטנערס נישט זיין. אונטער דעם האַרץ פון פּראָפיט ליעגט אַ האַרטער שטיין.

* * *

וואָס וואונדערען מיר זיך אַזוי אויף דעם נעץ פון ליגען אין וועלכען מיר וועָרען יעצט אַרומגענומען? האָט איהר שוין אַמאָל געזעהן אָדער געהערט, אַז דער וואָלף זאָל האָבען צו רעדען גוטע זאַכען פון דער שעפּסעלע?

* * *

דער אמת איז דער זיכערסטער וועג און קיין אַנדער וועג איז נישט זיכער. דער, וועלכער באַהאַלט דעם אמת, אָדער האַלט עס צוריק פון מענשען צוליעב פּראַקטישע מאָטיווען, איז אָדער אַ פּייגלינג אָדער אַ פאַרברעכער און אָפט גאָר ביידע צוזאַמען.

— מאַקס מוללער.

* * *




## ראט אוים די שטוב־ווערים!

אין ענדע זומער כאפען זיך די פארשיעדענע סארטען ווערים נאך מעהר אריין אין שטוב ווי געוועהנליך. מעהרסטענס האבען זיי הנאה פון אונזער קיטשען, וואו זיי קענען אפלעקען א ביינדעל און עפעס צו־גריזשען. עס איז אן אמת׳ער פעסט און מ׳דארף פטור ווערען פון די געסט, ווי עס ווייזט נור אוים, אז זיי מיינען זיך צו באזעצען אויף לאנג.

קריגט א גרויסע ספאנדזש (שוואם), וואשט איהר גוט אוים און קוועטשט איהר אוים, אז זי זאל ווערען אין גאנצען טרוקען. די לעכלאך וועלען זיך אלזא ברייט פאנאנדערעפענען. יעצט נעמט דין־צוריבענע צוקער און באשיט די שוואם ווי גרוים זי איז, אין אלע לעכלאך. איבער איין נאכט וועלען די חברה אחין אריינמופען אין די הונדערטער. גרייט טאקי אן א כלי מיט קאכעדיג וואסער און גיט זיי א גוטע באד. איהר מעגט זיין זיכער, אז איהר וועט פטור ווערען פון די קליינע עקספלואטאטארלעך.

אום פטור צו ווערען פון די גרויסע עקספלואטארען, וואס פארווערעמען אונזער גאנצען לעבען, וועט אסור העלפען א באצוקערטע ספאנדזש. קיין אנדער מיטעל איז נישטא, ווי ארבייטען מיט דער סאציאליסטישער פארטיי פאר׳ן סאציאליזם.

* * *

## געריכטען אנשטאט ווייץ און פלייש.

די יונייטעד סטייטס פוד אדמיניסטריישאן רעקאמענדירט פאלגענדע געזונטע געריכטען.

¾ פונט בארלי מעהל. ¼ טהעע־לעפעל זאלץ. 1 איי. צושלאגט דאס איי פאוואליע, גיט צו זאלץ און הערנאך מעהל. מישט צונויף גוט. קנעט עס ביז עס איז גלאט. וואלגערט עס ביז עס איז דין ווי פאפיער, און שניידט אין לאקשען. קאכט ביי 20 מינוט.

דיזע לאקשען זיינען טונקעלער אין קאליר ווי ווען געמאכט מיט ווייצען־מעהל, אבער זיי זיינען אזוי גוט ווי די ווייצענע און פונקט אזוי געשמאק.

### פ א ט י י ט א ק א ר ן ב ר ו י ט.

1½ קאפס מעשד פאנייטאס. מעסט ניט צו פול. 1 קאפ קארן־מיעל. 1 עס־לעפעל סירופ אדער האניג. 1 טהעע־לעפעל זאלץ. 4 טהעע־לעפעלעך בייקינג פאודער. 1 קאפ וואסער אדער מילך. 1 איי. 1 עס־לעפעל צולאזענע פעטס. צושלאגט דאס איי פאוואליע. גיט צו מילך, מעשד פאטייטאס און סירופ. זיפט צונויף דאס בייקינג פאודער, זאלץ און קארן־מיעל. גיט צו די נאסע זאכען צו די טרוקענע זאכען, גיט צו דאס פעטס. באקט אין א ווארעמען אויווען פאר 25 מינוט. איהר וועט קריגען א לאבען 8 אינטשעס ביי 5 אינטשעס.

### א מ ע ר י ק א נ ע ר ג ו ל א ש.

3 מיטעלע צושניטענע פאטייטאס. ½ קאפ רייז. 2 עס־לעפעל פעטס. 1 צוהאקטע ציבעלע. ½ פונט צוהאקטע פלייש. 1½ קאפס טאמייטאס. א ביסעל פאפריקא. קאכט די רייז אין געזאלצען וואסער ביז עס זידט 10 מינוט. גיט צו די פאטייטאס און קאכט ביז זיי זיינען ווייך. ברוינט צו די ציבעלע אין צושמאלצענע פעטס. גיט צו די רייז און פאטייטאס און גיט צו טאמייטאס. לעגט אריין אין א בייקינג דיש און באקט אין א ווארימען אויוועז ביז עס איז ברוין. (איבערגעבליבענע רייז און פלייש פון נעכטען מעג מען געברויכען). עס גיט ארוים 7 מאהלצייטען.

### פ א פ ר י ק א ש (פיש און פאטייטאס).

2 קאפס צושניטענע פאטייטאס. ½ פונט פיש (הערדאק אדער אנדערע). 2 עס־לעפעל צושניטענע ציבעלעס. 2 טהעע־לעפעל צוהאקטע „פארסלי“. 2 עס־לעפעל פעטס אדער אליוו אויל. ½ טהעע־לעפעל זאלץ. ½ טהעע־לעפעל פאפריקא. 1½ קאפס וואסער. ברוינט די ציבעלע אין פעטס. גיט צו די פאטייטאס און ברוינט זיי. גיט צו די פיש, צושניטענע אין קליינע שטיקלעך און די ביינער ארויסגענומען. מישט גוט צונויף. גיט צו פארסלי. גיט צו זאלץ און פאפריקא און וואסער און קאכט פאר 20 מינוט. גיט ארויף אויפ׳ן טיש מיט צושניטענע לעמאן. עס גיט ארוים 5 פארציאנען.

### ב א ר ל י א ד ע ר ק ע ז ב ל י נ צ ע ס.

2 אייער. 1 קאפ מילך. ½ קאפ בארלי מעהל. ¼ קאפ געלע מעהל. צוקלאפט דאס איי אביסעל. גיט צו מילך. גיט צו די נאסע זאכען צוביסלאך צו די בארלי און געלע מעהל. מישט צונויף. דאס מאכט א גאנץ דינע מאסע. פרייט אויף א הייסען גרידעל. לעגט ארויף קעז, וויקעלט צונויף.

* * *

## פון וואס פליגען ווייכען.

עס איז שוין אן אלטער כלל, אז פליגען האבען אן אנדערען געשמאק פאר קאליערען ווי מיר מענשען. דער פאפולערסטער קאליער ביי אונז איז בלוי. ביי פליגען אבער איז די הימעל־פארב גאר קיין מיוחסת נישט. פארקעהרט, זיי ווייכען פון איהר, ווי פון פעפער.

א צימער, וואס איז אויסגעמאלט אדער דעקארירט בלוי, איז זיכער אז א פליעג וועט אהין נישט פארשמעקען. א בלוי־אבאזשורטער לאמפ קען אויך אוועקסטראשען א היבש ביסעל. איבערהויפט ווערט רעקאמענדירט צו האבען בלויע פענסטערנעצען (סקרינס), דורך וועלכע די פליגען וועלען זיך קיינמאל נישט פרובען דורכשפאציערען.

פליגען זיינען אויך זעהר „פארטיקולער“ מיט זייערע פיין־פיהלענדע נאז־לעכער. די פארפיומען און געווירצען, וואס זעצען אפטמאל אריין אן אנדער נשמה אין מענשען, האבען גראדע א פארקעהרטע ווירקונג אויף פליגען. עס איז גענוג, אז איהר זאלט א שפריץ טון מיט א ביסעל אויפפרישענדען גראניום־פערפיום, אדער מיניאנעט־וואסער און אונזערע פיין־שמעקענדע פליגען וועלען זיך אפטראגען, אהין... וועל, איהר ווייסט דאך וועלכען געדוך פליגען ליעבען אם בעסטען...

עס איז אבער זעהר שווער אפצוטרייבען פון אונז די פיאווקעס און בלוטזויגענדע פליגען, וואס רינגלען אונז ארום אין אונזער עקאנאמישען און פאליטישען לעבען. מערקווירדיג, ווי זיי זיינען אויך עמפינדליך פאר געוויסע קאליערען. זיי האסען שוין ר ו י ט אנשטאט בלוי...



בעל־יחוס

# געמיטליכע שמועסען



איך וועל פאַר אייך גאָרניט ליגקענען, גענ. בעל־יחוס, און איך וועל אייך זאָגען גאַנץ אָפענהערציג, אז ווען איך בין געקומען איבערנעמען די ביכער מיט הכל שבכל, און ווען דער אַלטער סעקרעטער האָט מיר אָנגעפאַנגען דערלאַנגען א באַנדעל פון ביכער, בליינקס און פאַרשיעדענע אַנדערע מטלטלים, בין איך פשוט א פאַרציטערטער געוואָרען... דאָס איז ניט געווען דערפאַר, וואָס איך האָב חס ושלום ניט געקענט האַלטען א פעדער אין האַנד, ניין! דאָס גראַדע ניט. פאַרקעהרט, איך האָב זיך געהאַלטען פאַר איינעם וואָס קען אביסעל די שוואַרצע פינטעלעך, און האָב זאָגאַר געוואוסט א קליין ביסעלע בוך־פיהרונג אויף אַזוי פיעל, אז איך האָב גוט געוואוסט דעם אונטערשיעד פון א דעביט ביז א קרעדיט. נאָר וואָס דען? עס האָט מיך פאַרדראָסען די גאַנצע געשיכטע מיט מיין אָננעהמען אַלס פינאַנס־סעקרעטער, אין דער צייט וואָס אין ברענטש איז געווען א גוטער סעקרעטער, וועלכער האָט כמעט אַלעמען צופריעדענגעשטעלט.

ווען איך האָב געבראַכט די פּעק מיט ביכער צו מיר אין הויז און האָב זיך גענומען צו דער אַרבייט, האָב איך אויסגעפונען אז פיעלע פון מיינע פרייע אָווענדען וועל איך מוזען אָפּגעבען. די אָווענדען זיינען פאַר מיר קורץ געוואָרען. און איך האָב אויך מאַנכע פון מיינע זונטאַגס געמוזט פאַרברייינגען איבער די ברענטש ביכער. נאָר ווי זאָגט מען א ווערטעל: „חרטה איז ניט מעשה סוחר“, און איך האָב זיך מיט מיין „עהרען־אַמט“ געמוזט האַלטען, און עהרע האָב איך אָנגעפאַנגען צו קריגען פון אַלע זייטען... דאָ קומט א מעמבער און האָט א טענה אז זיין ביל איז ניט ריכטיג. ער ווייס געוויס אז ער לאָזט קיינמאָל קיין באַלאַנס ניט, טאָ ווי קומט א באַלאַנס אויף זיין ביל? א צווייטער ווידער, וואָס איז באַוואוסט אַלס א „פּראָפעסיאָנעלער קיקער“, שרייט אז ער וועט ברענגען אויף מיר א קלאַגע אין אָפּיס, ווארום מען האָט איהם ניט צוגעשטעלט פאַמיליע צום דאָקטאָר. ס'טייטש אַלע ווייסען דאָך אז ער האָט א פאַמיליע, און ווען ער האָט גערופען דעם דאָקטאָר האָט ער איהם זיין פאַמיליע ניט געוואָלט אַטענדען, און ער האָט געמוזט באַצאָהלען פאַר א וויזיט. אי וואָס ער האָט ניט געצאָהלט פאַר פאַמיליע שוין די לעצטע פיער קוואַרטאַלען, און די גאַנצע צייט ניט אויפמערקזאַם געמאַכט וועגען דעם? נו, האָט ער עס ניט באַמערקט... און נאָך פאַרשיעדענע אַנדערע קאָמפּליינס: וועגען טיקעטס, סעמעטערי צאָהלונגען, סיק בענעפיט, רעדזשיסטרירטע לעטערס, א. ז. וו. מען קומט אויך צום סעקרעטער פרעגען פאַרשיעדענע פראַגען. איינער וויל ענדערען זיין נאָמען. נאָך איינער וויל „טשענדזשען די פּאָליסי“. א דריטער וויל וויסען ווארום ער קריגט ניט דעם „פריינד“. און א פערטער, וואָס האַלט זיך פאַר א גרויסען חכם און וויצלינג, שטעהט גלאַט ביים זייט און צו יעדער פראַגע וואָס א מעמבער פרעגט מיר האָט ער גלייך אַן ענטפער, מיט א „וויץ“ אַלס צוגאָב. ווי איינער זאָגט: וואָס פרעגט איהר ביי דעם סעקרעטער? ער איז דאָך נאָך גאָר גרין אין די ביזנעס. איך וועל אייך אַלעס פאַרענטפערען...

איך האָב קיינמאָל ניט באַמערקט אז ביי דעם פאָריגען סעקרעטער זאָל האָבען געווען אַזאַ ביזי ביי דעם טישעל, ווי ביי מיר. דוכט זיך, אז פאַר איהם האָט מען עפּעס געהאַט מעהר דרך־ארץ, ניט קוקענדיג וואָס איך בין געווען אימער מעהר פּאָפּולער פאַר איהם. ווי קומט עס?

לאַכט ניט, גענאָסע בעל־יחוס. איך וועל אייך דערצעהלען נאָך ווייטער. עפּעס צווישען מיר מיט'ן אָפּיס איז עפּעס אויך ניט אין גאַנצען גלאַטיג. וואָס איך שיק קריג איך עס א פּאָר מאָל צוריק. מיינער א פריינד, וועלכער איז אויך א סעקרעטער פון א ברענטש, קען זיך גאָר ניט אָפּלויבען פון דעם אָפּיס. ער זאָגט אַלץ, אז דער אָפּיס האָט איינע פון די איינפאַכסטע און לייכטסטע סיסטעמען, וואָס איז אַקוראַט צוגעפּאַסט צו די פאָדערונגען פון די ברענטשעס. ער איז גאָר באַגייסטערט, ווי ער רופט עס: פון די ניט־קאָמפּליצירטע מעטאָדען און פיהרונגען און די פאַרשיעדענע פאָרמס און ביכער וואָס זיי האָבען געמאַכט פאַר די ברענטש סעקרעטערע.

ער זאָגט: ער האָט קיינע טראָבעלס מיט'ן אָפּיס. ווייס איך טאַקי ניט, ווי אַזוי טוט ער עס? וואָלט איך אַמאָל געמיינט אז ער האָט דאָרטען א „פּול“. ווייס איך אָבער, אז פערזענליך קענען זיי איהם גאָרניט. איך האָב אָבער אויסגעפונען, אז זיי, דאָרטען אין אָפּיס, זיינען אויך זעהר שטאַרק צופריעדען פון זיין אַרבייט, אָבוואָהל זיי קענען איהם גאָרניט. זיי ווייסען בלויז זיין נאָמען. דאַגעגען ווייס איך פון נאָך א סעקרעטער, וואָס איז שוין געווען עטליכע מאָל אין דער פאַרוואַלטונג און מען קען איהם גראַדע גוט אין אָפּיס, און דאָ, האָט ער די זעלבע טראָבעלס וואָס איך האָב. ווי קומט עס? אז שמועסען זאָל זיין געשמועסט. מיין פריינד דער סעקרעטער, וועגען וועלכען איך האָב אייך פריהער דערצעהלט, אז ער האָט זיך אויף גאָרניט צו באַקלאָגען אויף דעם אָפּיס, האָט אַמאָל געזעהן מיינע ביכער, האָט ער מיר געזאָגט, אז מיין בוכפיהרונג איז אויסגעצייכנט, נאָר וואָס דען? איך האָב ניט קיין סיסטעם אין מיין אַרבייט. אויך, זאָגט ער, דאַרף איך אויבערפלעכליך וויסען דעם סיסטעם און פיהרונג פון דזשענעראַל אָפּיס. איך מוז צופּאַסען מיין אַרבייט צו דעם אָפּיס סיסטעם, ווען ניט וועט קיין אמת'ע צופריעדענהייט צווישען מיר מיט'ן אָפּיס קיינמאָל ניט זיין. וואָלט איך טאַקי געוואָלט אייך בעטען, גענ. בעל־יחוס, צו ערקלערען מיר עטוואָס וועגען דעם ענין. ערקלערט עס אָבער אַזוי, אז יעדער פּראָסטער בשר ודם זאָל עס קענען פאַרשטעהן. פאַרגעסט ניט אז מיר סעקרעטערע זיינען פאַרנומענע און א סך מאָל פאַרהאָרעוועטע מענשען. מאַכט עס אַזוי „לייכט“ ווי מעגליך.

ענטשולדיגט, גענ. בעל־יחוס, איך האָב זיך פיליייכט אביסעלע צופיעל פאַרשמועסט. עס איז שוין אַזאַ אידישע טבע, וואָס מיר קענען צו דעם ניט העלפען.

איבעריגענס, איהר האָט דאָך מיך איינגעלאַדען צו האָבען מיט אייך א געמיטליכען שמועס, איז אויב איך האָב אביסעלע אריבערגעכאַפּט די מאָס, וועט איהר מיר מוזען ענטשולדיגען.

פאַרגעסט ניט, גענ. בעל־יחוס, אז אין נעקסטען נומער „פריינד“ זאָלט איהר גענוי ערקלערען וואָס מיינט „א גוטער סיסטעם פאַר א פינאַנס־סעקרעטער“.

---

עס איז א צייט פון איבערוועגען און איבערמעסטען אַלע אָנגענומענע ווערטהען. א צייט פון צווייפעל און נאָכדענקונג, פון סקעפּטיציזם און פראַגע־צייכענס? — איין זאַך מעגט איהר אָבער טון אָהן דעם מינדעסטען שאָטען פון ספק — גיט מיט א פולער האַנד, נאָכאַמאָל, פאַר'ן מיליאָן דאָלאַר פאָנד — דאָס וועט זיין אַן אויסרופס־צייכען (!).

* * *

וואוינסט דו אין דיעזען לאַנד מוזטו ווערען א סיטיזען. ביזטו א סיטיזען ענראָל זיך פאַר א וואוטער. ביזטו א וואוטער געה צו די פּאָלס. געהסטו צו די פּאָלס שטים, ווי עס דיקטירט דיר דיין קלאַסען־באַוואוסטזיין און דיין פאַרפליכטיגונג אַלס ארבייטער־רינג מעמבער. שטים פאַר די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי און זעה דאָס דיינע פריינד זאָלען אויך אַזוי טון.

* * *

# וויכטיגע פונקטען אין דעם „וואָרקמען'ס קאָמפּענסיישאָן" געזעץ

פון ה. שער

אין מיין פריהערדיגען אַרטיקעל (זעה סעפּטעמבער נומער „פריינד") האָב איך גערעדט וועגען דעם קאָמפּענסיישאָן געזעץ אינ'ם אַלגעמיינעם און אָנגעהערענדיג דעם עצם געדאַנק פון דיזען געזעץ אַלס אַ רעפאָרמע.

יעצט וועל איך אָנדייטען בלויז אויף אַ פּאָר פּונקטען פון'ם געזעץ, וועלכע זיינען פון בעזונדערער וויכטיגקייט פאַר יעדען אַרבייטער.

ס'איז קיין צווייפעל ניט, דאָס איינע פון די הויפּט מעלות פון דער קאָמפּענסיישאָן לאָא איז דאָס, וואָס דער פאַרוואונדע־טער איז פאַרזאָרגט מיט מעדיצינישע הילף. דאָס האָט דער אַרבייטער ניט געהאַט פריהער, איידער קאָמפּענסיישאָן איז אריין אין קראַפט. עס איז דעריבער אַ נייע פאַרבעסערונג. דער פאַרוואונדעטער אַרבייטער איז יעצט בארעכטיגט צו די נויטיגע מעדיצינישע הילף, אָדער כירורגישע באהאנדלונג, אויף די קאָסטען פון זיין אַרבייטסגעבער (אָדער די אינשורענס קאָמ־פּאַני) פון'ם טאָג פון עקסידענט ביז 60 טעג שפּעטער.

די באַרייטונג פון דיזען טייל געזעץ טראָגט זיכער ניט קיין אַקאַדעמישען כאַראַקטער. מ'קען עס ניט דיסקוטירען מיט'ן גראָבען פינגער. עס איז איינפאַך אַ פּראַקטישע פראַגע, און דאָ האָט עס אַ גרויסען ווערטה.

ווען אַן אַרבייטער צוקאַליעטשעט זיך ביי דער אַרבייט מוז ער קודם האָבען אַ דאָקטאָר. מילא וועגען זיינע וויידזשעס וועט ער שפּעטער דאגה'ן. די געלד־פראַגע פאַרנעהמט ביי איהם דאַן ניט דעם אויבען־אָן. יאָ קאָמפּענסיישאָן אָדער ניט קאָמפּענסיישאָן — אַ דאָקטאָר מוז ער גלייך האָבען אונטער אַלע אומשטענדען. דאָס איז ביי איהם ראשית חכמה.

נון, אין די פריהערדיגע יאָהרען, פאַר דעם קאָמפּענסיישאָן געזעץ, האָט דער אַרבייטער, אין אַן אומגליקס־פאַל, געדאַרפט טרייעלען זיך מיט'ן באָס, ווי איך האָב עס ערקלערט אין מיין פריהערדיגען אַרטיקעל. אַ טרייעל, ווי אַלע ווייסען, נעהמט אַ היבש ביסעל צייט. ס'געהען אַוועק מאָנאַטען און אַמאָל יאָהרען ביז אַ קייס געהט דורך אַלע גלגולים פון קאָורט. ס'האָט גאַרניט צו טאָן ווי גוט די קייס איז. אפילו ווען מען סעטעלט אַ קייס נעהמט אויך אַ לאַנגע צייט.

ווען אַן אַרבייטער פלעגט דאַן פאַרוואונדעט ווערען און ער האָט געדאַרפט געהן צום דאָקטאָר האָט ער איהם אַליין געמוזט באַצאָהלען פאַר די וויזיטס. נאַטירליך פאַר איינעם, וואָס געהט אַרום מיט אַ פאַרבאַנדאַזשירטער האַנד אָדער פוס און פאַרדיענט גאַרניט, איז עס זיכער ניט קיין לייכטע זאַך צו פאַרבינדען זיך מיט דאָקטאָר בילס. פון די גרויסע עשירות, מ'שטיינס געזאָגט, וואָס אַן אַרבייטער זאַמעלט אָן פון זיינע וויידזשעס ווען ער איז געזונד קען ער זיכער ניט אַברייסען פאַר'ן דאָקטאָר.

אמת, ער האָט פיליכט געהאַט אַ שטאַרקע קייס געגען באָס און ער האָט עס שוין איבערגעגעבען צו אַ לאָיער. דער־ווייל אָבער דאַרף מען דאָך דעם דאָקטאָר באַצאָהלען פון איי־גענעם פּאָקעט. פון עולם הבא, פאַרשטעהט איהר מיך, האַלט דער דאָקטאָר ניט. ביי איהם איז „נאָ טיקי נאָ וואשי". וואָס, מיינט איהר, איז געווען דער רעזולטאַט דערפון? גאָר פּשוט, דער פאַרוואונדעטער איז ניט געגאַנגען צו קיין דאָקטאָר אָדער ער איז ניט געגאַנגען גענוג ווי עס באַדאַרף צו זיין. אַנשטאָט מעדיצין האָט ער זיך באַנוגענט מיט באַבסקי רפואות, אָדער גאָר מיט אַ קאַפּיטעל תהלים אָדער מיט אַ ראָמאַן. אז געהן צום דאָקטאָר קאָסט געלד, איז מען בעסער געגאַנגען צו מי־טינגען אָדער אין אַ פּאַרק... בינו לבינה האָט ער קיין פּוסטיגע מעדיצינישע אויפּפּאַסונג ניט געהאַט. און וואָס עס זאָל ניט ווערען פון זיין קייס געגען באָס, דערווייל האָט ער אָבער זיין וואונד שטאַרק פאַרנאַכלעסיגט, האָפענדיג אַלץ דאָס עס וועט זיין אָלל־רייט אין גיכען.

דאָס פּלעגט איהם זעהר אָפט קאָסטען טייער...

אונטער דער קאָמפּענסיישאָן לאָו מוז דער באָס באַזאָרגען זיין פאַרוואונדעטען אַרבייטער מיט מעדיצינישע הילף. ווי נור עפּעס פּאַסירט מיט אַן אַרבייטער אין שאָפּ ווערט ער גלייך אַוועקגעשיקט צום דאָקטאָר און דאַרף זיך גאָר ניט זאָרגען וועגען באַצאָהלען פאַר'ן וויזיט. דער דאָקטאָר באהאנדלט איהם וְוי געהעריג איז און שפּאָרט ניט קיין וויזיטס ווען ער ווייסט דאָס די אינשורענס קאָמפּאַני וועט פאַר אַלץ באַצאָהלען.

די וואָס האָבען אַזעלכע זאַכען דורכגעמאַכט אין ווירקלי־כען לעבען פאַרשטעהען זעהר גוט די וויכטיגקייט פון דיזער ענדערונג.

פיעלע האָבען אָבער טראָבעל נאָך יעצט מיט די דאָקטאָר בילס. און עס קומט דערפון וואָס זיי נעהמען זיך ניט די מיה צו באַקענען זיך מיט'ן געזעץ. זיי געהען אַוועק צו זייערע איינענע דאָקטוירים ניט פרעגענדיג ביים באָס וועגען דעם. זיי האָבען געהערט דאָס אַ פאַרוואונדעטער איז בארעכטיגט צו מעדיצינישע הילף, מיינען זיי דאָס זיי קענען געהן צו וועלכען דאָקטאָר זיי ווילען און דער באָס אָדער זיין אינשו־רענס קאָמפּאַני זאָל אַזוי גוט זיין און באַצאָהלען.

אַזוי, צום ביישפּיעל, געהט זיך אַן אַרבייטער רינג מעמ־בער אַוועק צו זיין ברענטש דאָקטאָר. ער ווייסט דאָס ער צאָהלט דיוס אין אָרדען און זיין עקסידענט איז נאָך דערצו אַ קאָמפּענסיישאָן קייס, טאָ וועט שוין מסתמא זיין וואָר עס זאָל באַצאָהלען דעם דאָקטאָר. דער דאָקטאָר איז ניט פאַר־פּליכטעט פון אַרבייטער רינג צו קורירען אַזעלכע קייסעס. ער נעהמט עס אויף אָבער אַלס קאָמפּענסיישאָן קייס.

פריהער אָדער שפּעטער געפינט אויס דער דאָקטאָר און דער פאַרוואונדעטער אַרבייטער פון אומאַנגענעהמע ערפאַהרונג דאָס איינער פון זיי וועט מוזען ליידען פאַר די בילס. דער באָס, אַזוי גוט ווי זיין קאָמפּאַני, ענטזאָגט זיך עס צו באַ־צאָהלען. און אָט פאַרוואָס:

דער געזעץ זאָגט דאָס אַ פאַרוואונדעטער איז בארעכטיגט צו דאָקטאָר א. ז. וו. אויב ער האָט־עס פון זיין באָס פאַרלאַנגט. ער מוז מעלדען זיין באָס וועגען זיין קראַנקהייט און דאָס ער נויטיגט זיך אין אַ דאָקטאָר. ער דאַרף ניט געניי בעטען אַ דאָקטאָר. אויב ער רעפּאָרטעט זיין עקסידענט צום באָס און ער קריגט אַן ענטפער צום ביי־שפּיעל „אָלל־רייט, געהט צו אַ דאָקטאָר", האָט ער אַ רעכט צו געהן צו זיין אייגענעם דאָקטאָר. דער אַרבייטער מוז אונ־באַדינגט אויטאָריזירט ווערען, אָדער קריגען כאָטש אַן אָנצו־הערעניש פון אַן ערלויבניש, פון זיין באָס צו געהן צום דאָק־טאָר. דאַן, און נור דאַן, איז דער באָס פאַראַנטוואָרטליך דערפאַר.

נאָך אַ פּונקט, וואָס קומט זעהר אָפט צוניץ, איז דאָס, וואָס מען רופט אָן „אָקיופּיישאָנאַל דיזיז". אויף אידיש הייסט עס אַ קראַנקהייט וואָס קומט פון דער אַרבייט.

לויט דעם קאָמפּענסיישאָן געזעץ איז אַ פאַרוואונדעטער

באַרעכטיגט צו זיינע בענעפיטס, ווען מיט איהם האָט געטראָפען אַן עקסידענט ביי דער אַרבייט. עס מוז קומען פון אַ גע־וויסע פּאַסירונג פון אַ פּלוצלינגען צופאַל. דער עקסידענט דאַרף זיין אַ מאָמענטאַנער. צוקאַליעטשעט אַ פינגער, צוהאַקט אַ האַנד, צוקלאַפּט אַ פוס, אָדער אַן עהנליכער עקסידענט, וואָס האָט פּאַסירט אין אַ געוויסען מאָמענט — דאָס זיינען ביישפּיע־לע פון קאָמפּענסיישאָן קייסעס.

ס'זיינען אָבער פאַראַן אַזעלכע, וועמעס אומגליק איז אַ רעזולטאַט פון אַ לאַנגזאַמען פּראָצעס, טאַקי פאַראורזאַכט פון דער אַרבייט. אַזוי זיינען פאַראַן פּיעלע, וואָס אַרבייטען אַלס פּיינטערס, פּאָלישערס, אָדער אין לאַבאָראַטאָריעס, וואָס האָבען שטענדיג צו טאָן מיט געוויסע כעמישע שטאָפען, מאַנכע זעהר שעדליכע. דיזע שטאָפען גראָבען זיך איין אין די הענד, אָדער עסען זיך איין אין'ם אַרבייטער'ס קערפּער און ער ווערט אַזוי אַרוס אויס קאַפּעלוש־מאַכער. אַזעלכע קייסעס זיינען ניט באַ־רעכטיגט צו קאָמפּענסיישאָן. דער געזעץ איז ניט אָנווענדבאַר פאַר זיי, און זיי בלייבען גאָר הילפלאָז.

אין דער לעצטער סעשאָן פון אונזער לעדזשיסלייטשור אין אַלבאַני זיינען אַריינגעבראַכט געוואָרען אַמענדמענדס צום קאָמפּענסיישאָן געזעץ, וואָס וואָלטען אַזעלכע אומגליקליכע אויך אַרויסגעהאָלפען. דיזע אַמענדמענטס זיינען געקומען פון דער סאָציאַליסטישער גרופּע, און זעלבסטפאַרשטענדליך האָט מען זיי ניט אָנגענומען.

די סאָציאַליסטישע אַסעמבלילייט האָבען פאַרגעשלאָגען נאָך געוויסע פאַרבעסערונגען צו דער קאָמפּענסיישאָן לאָו, נאָר זיי האָבען אפילו די ליכטיגע וועלט ניט אָנגעזעהן.

רעדענדיג פון דער לעדזשיסלייטשור, איז ווערטה צו באַ־מערקען, דאָס איין אַמענדמענט איז יאָ אָנגענומען געוואָרען, און גראָד ניט פאַרגעשלאָגען פון די סאָציאַליסטען. דאָס איז צו פאַרגרעסערען די צאָהל פון פאַרשיעדענע באַשעפטיגונגען אויף וועלכע דער געזעץ איז אָנווענדבאַר.

ווי באַקאַנט, איז דער קאָמפּענסיישאָן געזעץ גילטיג בלויז אויף די סאָרטען אַרבייט וואָס זיינען דאָרטען אויסגערעכנעט. פּיעלע באַשעפטיגונגען זיינען אויסגעלאָזען געוואָרען, און די אַרבייטער פון אַזעלכע טריידס זיינען דערצו ניט באַרעכטיגט. האָט מען דעריבער אין דער לעצטער סעשאָן פון אונזער געזעץ־פּעקטאָרי געמאַכט דאָס אַלע אַרבייטען אָהן אונטערשיעד, וואו אַ באָס באַשעפטיגט מעהר פון פיער אָנגעשטעלטע, זיינען אונ־טערוואָרפען צום קאָמפּענסיישאָן געזעץ.

אַן אויסנאַהמס האָבען די געזעץ־געבער דאָך געמאַכט מיט פאַרם־אַרבייטער און היימישע דינער און דינסטען. דיזע זיינען נאָך אַלץ ניט באַרעכטיגט צו קאָמפּענסיישאָן. דאָס איז געטאָן געוואָרען וואַהרשיינליך מיט דעם צוועק ניט צו באַלעס־טיגען די גרויסע לאַנד־אייגענטימער פון סטייט מיט צאָהלען קאָמפּענסיישאָן אינשורענס. דאָס איז זעהר כאַראַקטעריסטיש פאַר דער רעפּובליקאַנער מאַיאָריטעט און זייערע רעאַקציאָנערע פיהרער, וועלכע ווילען אַלץ אין דער וועלט טאָן ניט צו פאַר־לירען דעם חן אין די אויגען פון די פאַרמער.

צו דערזעלבער צייט זיצען שוין די אָנגעשטעלטע פון די פאַרשיעדענע אינשורענס קאָמפּאַניעס און גרייטען צו קייסעס צו אַפּעלירען אין די קאָורטס און טרייען ערקלערען דעם גאַנצען אויבען־דערמאַנטען אַמענדמענט אַלס אונקאָנסטיטוציאָנעל. מען פאַרבאַרייטעט זיך שוין מיט אַרגומענטען און באַווייזע, מיט אותות ומופתים, צו איבערצייגען די קאָורטס, דאָס אויב יעדער באָס, וואָס באַשעפטיגט פיער אַרבייטער, מוז האָבען קאָמפּענ־סיישאָן, וועט עס דעם אַרבייטסגעבער נעבאַך בדלות שטעלען, און דעריבער, פאַרשטעהט זיך, איז עס אַ געזעץ אָהן יושר און מען דאַרף עס נישט גוטהייסען.

# זיצונגען פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע א. ר.

— דער רעגולער מאָנאַטליכער מיטינג פון דער נאַציאָ־נאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע ווערט אָפּגעהאַלטען דיענס־טאָג אבענד, דעם 13טען אויגוסט, מיט פריינד אב. עפּשטיין אַלס טשערמאַן.

## קאָמיטעס.

פון ברענטש 106 — ערקלערען, אַז מיט אַ קורצער צייט צוריק איז ביי זיי אַריינגענומען געוואָרען אַ נייער מעמבער. זיי האָבען ערפאַהרען, אַז ער האָט געסקעבט אין צייט פון אַ סטרייק און פערלאַנגען דאַרום, אַז מען זאָל איהם רעדזשעקטען. דער אָפּיס האָט זיך ענטזאָגט נאָכצוקומען זייער פאַרלאַנג, ווייל דער בעטרעפענדער איז דורכגעגאַנגען די געזעצליכע פאָר־מאַליטעט.. אַזוי ווי ער איז אַ מעמבער וועניגער פון זעקס מאָנאַטען ווערט באַשלאָסען איהם צו רעדזשעקטען אויף דעם גרונד וואָס דער ברענטש האָט אָנגעגעבען.

—

פון בר. 316, בעיאָן, נ. דזש. — זייערער אַ מעמבער איז קראַנק געוואָרען אויף קאָנסאַמפּשאָן איידער ער איז געווען זעקס מאָנאַטען אַ מיטגליעדער פון א. ר. זיי האָבען געוואַרט ביז היינט, ווען עס איז אַ יאָהר, דאָס ער איז אַ מעמבער און זיי בעטען, אַז מען זאָל בעצוג איהם אָנווענדען דעם פּונקט פון קאָנווענשאָן רעפערענדום, דאָס מעמבערס, וועלכע ווערען קראַנק אויף קאָנסאַמפּשאָן נאָך זעקס מאָנאַטען און בעפאַר אַ יאָהר, זאָלען זיין באַרעכטיגט צו סאַניטאַריום נאָכדעם ווי זיי וועלען זיין מעמבערס אַ יאָהר. — דער טשערמאַן ערקלערט דער קאָמיטע, אַז דער פּונקט געהט אַריין אין קראַפט דעם 1טען יאַנואַר 1919 און באַשליסע פון קאָנווענשאָן באַציהען זיך אויף דער צוקונפט און ניט אויף דער פאַרגאַנגענהייט. דער באַטרעפענדער קען דאַרום לייזער אין סאַניטאַריום ניט אַריינגענומען ווערען.

דער טשערמאַן רולט דערביי, אַז אַלע מעמבערס, וואָס זיינען נאָך זעקס מאָנאַטען און בעפאַר אַ יאָהר קראַנק גע־וואָרען אויף קאָנסאַמפּשאָן און זיך געמאָלדען אין דזשענעראַל אָפּיס נאָכ'ן 15טען דזשולאַי, ווען דער רעפערענדום איז גע־שלאָסען געוואָרען, זיינען באַרעכטיגט צו סאַניטאַריום. די רולינג פון טשערמאַן ווערט פון דער עקזעקוטיוו גוטגעהייסען.

---

## צושריפטען.

פון בר. 20 — שיקען צו אַ רעזאָלוציאָן, אין וועלכער זיי פאָדערען אויף די עקזעקוטיוו צו אַרבייטען פאַר סאָציאַלע אינשורענס. עס ווערט באַשלאָסען זיי ענטפערן, אַז מיט'ן גאַנצען הארצען שטיצען מיר אונטער דעם געדאַנק וועגען איינפיהרען סאָציאַלע פאַרזיכערונג אין אַמעריקא דורכ'ן שטאַאַט און וועלען זיכער ביי יעדער געלעגענהייט מיטהעלפען און אינדאָרסירען יעדע באַוועגונג איינצופיהרען דיזע רעפאָרמע.

—

פון ברענטש 210, ניו יאָרק — לאַדען איין אַ פאַרטרעטער צו זייער 10טען יעהרליכען יובילעאום, דעם 16טען אויגוסט. — באַשלאָסען צו באַווילינען. ערוועהלט פריינד שפּייער.

—

פון לאָס אַנדזשעלעס סיטי קאָמיטע — ערקלערען אַז פּיעלע אַרבייטער רינג מעמבערס, וואָס קומען אין לאָס אַנ־

---

פאָנה, געגען דער אונזיניגער האַרצלאָזער אָרד נונג געבויט אויף סנאה שנאה און קאָנקורענץ.

דזשעלעס אריינגענומען צו ווערען אין סאניטאריום, קומט אויס צו ווארטען אויף א נעקסט און זיי האָבען דערווייל ניט וואו צו זיין. זיי דעקאָמענדירען דארום, אז די נאצ. עקזעקוטיוו זאָל ארויסשיקען א רעפערענדום וועגען א טעקס פון איין סענט פער מעמבער פער קווארטאל צו שטיצען דיזע קראנקע מעמבערס. — עס ווערט באשלאָסען זיי ענטפערן, אז לויט אונזער קאנסטיטושאָן קען א רעפערענדום ארויסגעשיקט ווערען אויף דעם פארלאנג פון 25 ברענטשעס פון 5 סטייטס. אויסער דעם גלויבט די עקזעקוטיוו, אז די יעצטיגע צייט איז ניט גינסטיג פאר ארויסשיקען אזא רעפערענדום.

—

פון דער שיקאגאָ דיסטריקט קאָמיטע — מעלדען, אז דעם 1טען סעפטעמבער וועלען די אָרטיגע ברענטשעס פייערען דעם 15־יעהריגען עקזיסטענץ פון ארבייטער רינג אין שיקאגאָ. עס ווערט באשלאָסען צו שיקען צו זיי א באגריסונג אין נאָמען פון דער נאציאָנאלער עקזעקוטיוו קאָמיטע.

—

באריכט פון מיליאָן דאלאר פאָנד קאָמיטע.

פריינד עפשטיין באריכטעט, אז עס קומט אין אָפּיס ביס־לעכווייז אריין געלד פון די ברענטשעס פאר דעם מיליאָן דאלאר פאָנד. מען קען ערווארטען, אז די סומע וואס דער ארבייטער רינג האָט פארשפּראָכען בייצושטייערן פאר דעם פאָנד וועט געשאפען ווערען.

ער ערקלערט, אז די 15ער קאָמיטע, וואס איז ערוועהלט געוואָרען ביי דער קאָנפערענץ פון די ניו־יאָרק ברענטשעס צו ארבייטען פאר'ן מיליאָן דאלאר פאָנד, איז אויפגעלעזט געוואָרען, ווייל זי האָט ניט אָטענדעט. די ארבייט איז איבער־געגעבען געוואָרען צו דער ניו יאָרק סיטי אָרגאניזאציאָנס קאָ־מיטע, וועלכע פארשטעהט איהרע אויפגאבען און וועט זיך דערצו איבער אטענדען.

באריכט ווערט גוטגעהייסען.

—

באריכט פון דער ליגעל קאָמיטע.

יינד פריימאן, טשערמאן פון דער קאָמיטע, ערקלערט, אז די ליגאל קאָמיטע צוזאמען מיט'ן אָפּיס און אונזער ליגעל אדוויזער, מאיר לאָנדאָן, געהען אָן מיט דער פאָרבערייטונגס־ארבייט צו לעגאליזירען דעם ארבייטער רינג אין אלע שטאאטען פון אמעריקא און אויך קענעדע. ער דייטעט אָן, אז די קאָ־מיטע שמעהט אין שריפטליכע פארבינדונג מיט פיעלע אינ־שורענס קאָמישאָנערס וועגען קריגען טשארטערס. די פראגע וועגען קריגען א טשארטער איז פארבונדען מיט א סך טעכ־נישע שוועריגקייטען: מען דארף אויספילען פארשיעדענע פאַ־פּיערען, נאכהער שטעלט דער קאָמישאָנער פראגען, וועלכע דארפען געענטפערט ווערען. ווען מען ענטפערט שוין אויף די פראגען איז דאָ ווידער נייע פאפּיערען אויסצופילען. ביז מען קריגט ענטפערס יעדעס מאָל נעהט דערווייל אוועק צייט. עס איז זעהר מעגליך, אז מיר זאָלען קירצליך קריגען טשאר־טערס אין צוויי סטייטס.

באריכט ווערט גוטגעהייסען.

—

פריינד עפשטיין באריכטעט, אז ער איז געווען פאר־טראָטען ביי דער קאָנפערענץ פון די ליבערטי דעפענס יוניאָן, וואס איז אָפּגעהאלטען געוואָרען דעם 31טען דזשולאי און 1טען אויגוסט. עס זיינען געווען פארטראָטען עטליכע אָכציג אָרגא־ניזאציאָנען. א „וועיס און מיענס קאָמיטע" איז ערוועהלט געוואָרען אָנצופיהרען די ווייטערדיגע ארבייט און פאר אינטע־רעסירען די ארבייטער אָרגאניזאציאָנען אין דער טעטיגקייט פון דער קערפּערשאפט. — באריכט ווערט גוטגעהייסען.

—

סעקרעטער'ס רעפּאָרט.

פריינד באַסקין, דזשענעראל סעקרעטער, מאכט אויפמערק־זאם, אז די עקזעקוטיוו דארף באשטימען אין וועלכען קלאס אריינצונעהמען נייע מעמבערס, וועלכע וועלען זיין אין דרעפט־עלטער, לויט דעם נייעם גזעץ.

ער גיט איבער איינצעלהייטען וועגען דער ארבייט פון דער ליגעל קאָמיטע און באשטעטיגט, אז די פאָרבערייטונגס־ארבייט ווערט געטון.

ער גיט אָן פאָלגענדע בודזשעטען פאר'ן מאָנאט אויגוסט:

אָרגאניזאציאָנס קאָמיטע — — — $ 500.00
סאניטאריום קאָמיטע — — — — 7,000.00
עדיוקיישאָנאל קאָמיטע — — — — 400.00
„פריינד" פאָנד — — — — — — 1,100.00
אדמיניסטריישאָן פאָנד — — — — 3,000.00

עס ווערט באשלאָסען, אז די פראגע וועגען באשטימען אין וועלכען קלאס אריינצונעהמען נייע מעמבערס, וואס וועלען זיין אין דרעפט עלטער לויט דעם נייעם געזעץ, זאָל איבערגעגעבען ווערען צו דער אָפּיס קאָמיטע.

דער רעפּאָרט פון סעקרעטער ווערט גוטגעהייסען.

—

רעפּאָרט פון דער גריוועגס קאָמיטע.

פריינד וויינבלאט, טשערמאן פון דער קאָמיטע, באריכ־טעט, אז א געוויסער מעמבער פון א ניו יאָרק ברענטש האָט אפּעלירט וועגען באשלוס פון ברענטש צו באשטראָפען איהם מיט צונעהמען ביי איהם דעם אמט אלס האָספּיטעלער און אויך דאס ווארט אויף זעקס מאָנאטען. פארטרעטער פון ברענטש האָבען ערקלערט, אז דער באטרעפענדער האָט אפּעלירט צום ברענטש צו טון עטוואס פאר א געוויסען קראנקען מעמבער. עס איז באשלאָסען געוואָרען צו מאכען פאר יענעם א טעאטער בענעפיט צוזאמען מיט דעם ברענטש, וואו ער האָט פריהער באלאנגט. דער אפּעלאנט איז געווען סעקרעטער און טרעזשו־רער פון דער טעאטער אונטערנעהמונג. ווען מען האָט איהם נאָך דער אונטערנעהמונג אויפגעפאָדערט ביי א מיטינג אָפּ־צוגעבען א באריכט פון דער אונטערנעהמונג, האָט ער געשוויגען און קיין זאך ניט רעפּאָרטעט. ער האָט בלויז געזאגט, אז די 70 דאלאר פּראָפיט האָט ער איבערגעגעבען צום בענעפיציאנט. די געמיינשאפטליכע קאָמיטע פון ביידע ברענטשעס, וועלכע האָבען זיך פאראייניגט פאר דער אונטערנעהמונג, האָט פאר־קלאָגט דעם באטרעפענדען צום ברענטש פאר זיין האנדלונג. עס איז דאן באשלאָסען געוואָרען צוצונעהמען ביי איהם דעם אמט אלס האָספּיטעלער און דאס ווארט אויף זעקס מאָנאטען. דער אפּעלאנט האָט מאָטיווירט, אז ער האָט זיך ניט גע־פיהלט פארפליכטעט אָפּצוגעבען א רעפּאָרט, ווייל דאס איז געווען א פּריוואטע אונטערנעהמונג פון אייניגע מעמבערס פון ברענטש. ביי דער הירינג האָט זיך אָבער ארויסגעצייגט, אז ביידע ברענ־טשעס זיינען פאר דער אונטערנעהמונג געווען פעראנטוואָרט־ליך. די גריוועגס קאָמיטע האָט באשלאָסען גוטהייסען די האנדלונג פון ברענטש און שרייבען צום אפּעלאנט, דאס אָב־וואָהל עס איז אנערקענט, אז ער האָט זיך וואָרים באצויגען צו דער אונטערנעהמונג, איז ער אָבער באגאנגען א פעהלער דערמיט וואס ער האָט זיך ענטזאגט צו רעפּאָרטען צום ברענטש, ווייל אויב די אונטערנעהמונג וואָלט געווען א דורכפאל, וואָלט דער ברענטש געליטען דעם דעפיציט און ניט די איינצעלנע פערזאָנען וואס האָבען פאר דער אונטערנעהמונג געארבייט.

פר. וויינבלאט ערקלערט, אז א דאָקטאָר האָט אָנגעקלאָגט א געוויסען ברענטש פאר ניט בעצאָהלען איהם 9 דאלאר, וואס זיי זיינען איהם געבליבען שולדיג פאר פּראָפעסיאָנעלע ארבייט אלס ברענטש דאָקטאָר. די גריוועגס קאָמיטע האָט די קלאגע גוטגעהייסען און באשטימט, אז דער ברענטש דארף די 9 דאלאר באצאָהלען. עס זיינען שוין אוועק היבש עטליכע מאָנאטען און דער ברענטש האָט נאָך אלץ די סומע ניט באצאָהלט. די גריוועגס קאָמיטע פרעגט דארום צי זי קען אָרדערען דעם אָפּיס צוצושטעלען די סומע צום ברענטש ביל. דער טשערמאן ענט־פערט, אז די נאצ. גריוועגס קאָמיטע קען דאס אָרדערען.

דער רעפּאָרט ווערט גוטגעהייסען.

—

רעפּאָרט פון דער אָרגאניזאציאָנס קאָמיטע.

פריינד דינערשטיין, טשערמאן פון דער קאָמיטע, בא־ריכטעט, אז אין פארלויף פון מאָנאט איז אינסטאלירט גע־

ווערען א לײדיס טײלאָרס בר. 421, אין ניו יאָרק. די אינ־סטאַלײשאַן איז געװען שװאַך באזוכט. מען האָט געצװינגען די אױפמערקזאַמקײט פון דער ניו יאָרק סיטי אָרג. קאָמיטע, אז אין דער צוקונפט זאָלען זײ פריהער לאָזען די נאַצ. אָרג. קאָמיטע װיסען װעגען דײט פון־אינסטאַלײשאַן, אום מען זאָל קענען אַלעס גוט אַראַנזשירען.

די דיסטריקט קאָנפערענצען צו ערװעהלען נײע סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס זײנען שױן אין פיעלע פלעצער אָפּגע־האַלטען געװאָרען.

ער (דינערשטײן) איז געװען פאַרטראָטען זונטאַג, דעם 21טען דזשולאַי, אין ברידזשפּאָרט. עס איז ערװעהלט געװאָרען א דז׳אָינט סיטי קאָמיטע, צוזאַמענגעשטעלט פון 8 פּאַרטרע־טער פון יעדען ברענטש. זײ האָבען באַשלאָסען אָנצופיהרען א קאַמפּײן פאַר נײע מעמבערס אין די מאָנאַטען דזשולאַי, אױגוסט, סעפּטעמבער און, פיעלײכט, אױך אין אָקטאָבער. זײ פּלאַנעװען צו געבען פרײע דאָקטאָר עקזאַמינײשאַן צו די נײע קאַנדידאַטען. אין יעדען ברענטש זאָל באַשטימט װערען א קעפּטײן, װעלכער זאָל האָבען אױפזיכט איבער דער אַרבײט. דער קעפּטײן פון ברענטש, װאָס װעט אַרײננעהמען די גרעסטע צאָהל מעמבערס, זאָל קריגען א פּרײזען טריפּ אין סאַניטאַריום און דעם ברענטש, װאָס װעט אַרײננעהמען די גרעסטע צאָהל נײע מעמבערס, זאָל פּרעזענטירט װערען מיט א בענער. ער האָט זײ ערקלערט, אז די אױסגאַבען פון פרײע דאָקטאָר עק־זאַמינײשאַן א. ר. ג. קען ניט גערעקט װערען פון אָרגאַניזאַ־ציאָנס פאָנד. ער האָט זײ פּאַרזיכערט, אז די נאַצ. עקזעקו־טיװ קאָמיטע װעט טון אַלעס אין איהרע קרעפטען צו העלפען זײ אין דעם קאַמפּײן.

פר. װאָלאַס, איז געװען פאַרטראָטען אין ראָטשעסטער פרײטאַג און שבת, דעם 27טען און 28טען דזשולאַי. קײן דזשאָינט מיטינג איז ניט געװען. ער האָט אַדרעסירט דעם מיטינג פון בר. 27, בײ װעלכען עס זײנען אַנװעזענד געװען די מעמבערס מיט זײערע פאַמיליען. שבת אַבענד איז ער געװען בײ דער דיסטריקט קאָנפערענץ פון ראָטשעסטער. זײ האָבען זיך באַקלאָגט, אז די בעסטע מענשען זײנען געדרעפּטעט געװאָרען און עס פעהלען קרעפטען פאַר אָרגאַניזאַציאָנס אַר־בײט. פרײנד שולמאַן, װעלכער איז װידער ערװעהלט גע־װאָרען אַלס סעקרעטער פון דער קאָמיטע, איז זעהר איבערגעבען און האָט פאַרשפּראָכען צו טון דאָס בעסטע, װאָס װעט זײן מעגליך אונטער די אומשטענדען. די נײע דיסטריקט־קאָמיטע איז ערװעהלט געװאָרען פון 15, באַשטעהענד פון 5 פאַרטרעטער פון יעדען ברענטש.

אין באַפאַלאָ איז פר. װאָלאַס געװען זונטאַג, דעם 28טען דזשולאַי. די דיסטריקט קאָנפערענץ איז דאָרט געװען גוט אַראַנזשירט. די נײע דיסטריקט קאָמיטע װאָס איז ערװעהלט געװאָרען באַשטעהט פון 3 פאַרטרעטער פון יעדען ברענטש. פר. װאָלאַס האָט אױפ׳ן פּלאַץ אינסטאַלירט די נײע דיסטריקט קאָמיטע. ער איז אױך געװען בײ׳ם מיטינג פון בר. 29, װעל־כער איז דער עלטסטער ברענטש אין באַפאַלאָ, און זײ אױפ־געפאָדערט צו באַטײליגען זיך אין יעדער טעטיגקײט, װאָס װערט אונטערנומען פון אַרבײטער רינג.

אין אַלבאַני בײ דער דיסטריקט קאָנפערענץ איז ער (די־נערשטײן) געװען פאַרטראָטען. דעלעגאַטען זײנען געװען פון גלענס פאָלס, גלאָװערסװיל, טראָי און האָדסאָן. סקענעקטעדי איז ניט געװען פאַרטראָטען. פון די רעפּאָרטס האָט זיך אַרױס־געװיזען, אז אין די קלײנע שטעדטלעך זײנען פיעלע מעמבערס זיך פאַרנאַנדערגעפאָהרען, דער א. ר. האָט אָבער קײן מעמבערס ניט פאַרלאָרען, װײל דיזע האָבען זיך טראַנספערירט אין אַנ־דערע ברענטשעס. ער האָט גערעדט װעגען מעמבערשיפּ קאַמ־פּײן און װעגען דעם מיליאָן דאָלאַר פאָנד. די פאַרטרעטער פון די ברענטשעס האָבען פאַרשפּראָכען צו טון גוטע אַרבײט אין דער צײט פון מעמבערשיפּ קאַמפּײן. עס איז ערװעהלט גע־װאָרען א נײע דיסטריקט קאָמיטע, באַשטעהענד פון אײן פאַר־טרעטער פון יעדען ברענטש, אױך איז אױסגעטײלט געװאָרען א סאַב־עדיוקײשאָנאַל קאָמיטע פון דרײ, אױסער דעם פאַר־טרעטער פון טראָי.

פר. עפּשטײן איז געװען פאַרטראָטען אין באַלטימאָר זונטאַג, דעם 4טען אױגוסט. אין דער פריה האָט ער אַטענדעט דעם דזשאָינט מיטינג און אין אָבענד די קאָנפערענץ. דער דזשאָינט מיטינג איז געװען שװאַך באַזוכט. ער האָט גערעדט צו זײ װעגען מעמבערשיפּ קאַמפּײן, מיליאָן דאָלאַר פאָנד, רעליעף אַרבײט און עדיוקײשאָנאַל טעטיגקײט. בײ׳ם דזשאָינט מיטינג איז באַשלאָסען געװאָרען צו רעקאָמענדירען צו אַלע אָרטיגע ברענטשעס צו טעקסען יעדען מעמבער מיט 20 סענט פער מעמבער פאַר׳ן מיליאָן דאָלאַר פאָנד. זײ האָבען דאָרט א לאָקאַלע פּיפּעלס רעליעף קאָמיטע און זײ האָבען בדעה צו שיקען די געלדער פאַר די מלחמת קרבנות דורך דיזער קאָמיטע. פר. עפּשטײן האָט זיך מיט זײ דורכגערעדט, אז די געלדער זאָלען געשיקט װערען אין דזשענעראַל אָפיס פון אַרבײטער רינג. די דיסטריקט קאָנפערענץ איז געװען גוט אַראַנזשירט. עס איז ערװעהלט געװאָרען א נײע דיסטריקט קאָמיטע פון 15 און די האָט פון זיך אױסגעטײלט א סאַב־עדיוקײשאָנאַל קאָ־מיטע. זײ האָבען פאַרשפּראָכען צו טון גוטע אַרבײט און גע־בעטען צו העלפען זײ די אַרבײט סטימולירען.

פר. װאָלאַס איז געװען פאַרטראָטען בײ דער קאָנפערענץ אין נואַרק, נ. דזש., זונטאַג, דעם 11טען אױגוסט. עס זײנען געװען פאַרטראָטען 20 ברענטשעס דורך 38 דעלעגאַטען. א נײע דיסטריקט קאָמיטע איז געגרינדעט געװאָרען פון 15 און דיזע האָט פון זיך אױסגעטײלט א סאַב־עדיוקײשאָנאַל קאָ־מיטע פון 5. פר. סלאָװין, דירעקטאָר פון ניו דזשוירזי סטײט, איז ערװעהלט געװאָרען אַלס סעקרעטער פון דער קאָמיטע. פר. װאָלאַס האָט גלײך אינסטאַלירט די דיסטריקט קאָמיטע, װעלכע האָט פאַרשפּראָכען צו טון גוטע אַרבײט.

ער (דינערשטײן) איז זונטאַג, דעם 28טען אױגוסט, געװען פאַרטראָטען אין פילאַדעלפיא. די דיסטריקט קאָנפערענץ איז געװען גוט באַזוכט. דער סעק. פון דער לעצטער קאָמיטע האָט אָבגעגעבען זעהר א גינסטיגען רעפּאָרט. ער (דינערשטײן) האָט זײ איבערגעגעבען דעם באַשלוס פון דער עקזעקוטיװ, װי זײער קאָמיטע דאַרף צוזאַמענגעשטעלט װערען. ער האָט אױך גערעדט צו זײ װעגען מיליאָן דאָלאַר פאָנד, װעגען מעמ־בערשיפּ קאַמפּײן, עדיוקײשאָנאַל אַרבײט א. ד. ג. דער טשער־מאַן פון דער קאָנפערענץ האָט זיך ענטזאָגט אױפצונעהמען די פראַגע װעגען ערװעהלען א דיסטריקט קאָמיטע לױט פאַרטרע־טערשאַפט פון ברענטשעס, װײל די קאָנסטיטושאַן פון א. ד. באַפאָלמעכטיגט די נאַצ. עקזעקוטיװ צו באַשטימען די פאָרם פון די סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס. עס איז ערװעהלט גע־װאָרען א נײע דיסטריקט קאָמיטע פון 20,—ניט לױט פאַר־טרעטערשאַפט, — און עס איז באַשטימט געװאָרען, אז דיזע זאָל אױך טון די עדיוקײשאָנאַל אַרבײט. די קאָנפערענץ האָט באַשלאָסען רעקאָמענדירען צו די אָרטיגע ברענטשעס, אז אַלע מיטגליעדער זאָלען געטעקסט װערען מיט 25 סענט יעדער פאַר׳ן מיליאָן דאָלאַר פאָנד.

די שיקאַגאָ ברענטשעס פײערען אין מאָנאַט סעפּטעמבער דעם 15טען יעהרליכען יובילעאום. זײ האָבען געבעטען צו שיקען צו זײ א רעדנער פאַר דער געלעגענהײט, אָבער מען האָט זײ געענטפערט אז אונטער די אומשטענדען איז אונ־מעגליך זײער פאַרלאַנג צו באַװיליגען.

צו בר. 212, נאָרפאָלק, איז באַשלאָסען געװאָרען צו ענט־פערען, אז אונזערער א פאַרטרעטער װעט דאָרט זײן דעם 1טען סעפּטעמבער בײ זײער יובילעאום, לױט דעם סענטימענט פון דער עקזעקוטיװ קאָמיטע.

דער רעפּאָרט װערט גוטגעהײסען.

—

עס װערט באַשלאָסען צו האָבען א פאָרזעצונג פון דעם מיטינג מאָנטאַג אָבענד דעם 19טען אױגוסט.

———

# פון אונזער קאָרעספּאָנדענץ-טיש

## שיקאַגאָ טעריטאָריאַל קאָנפערענץ.

זונטאג, דעם 18טען אויגוסט, אין וועסט סייד אודיטאָריום, איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אַ טעריטאָריעלע קאָנפערענץ, אראנזשירט פון שיקאַגאָ דיסטריקט אָרג. קאָמיטע.

אַלס טשערמאַן ווערט ערוועהלט פר. סילווערשטיין, ברענטש 391; אַלס סעקרעטער — פר. סטראַסמאַן, ברענטש 131.

נאָך דעם ווי דער קאָנפערענץ ווערט פון טשערמאַן ערעפענט, ווערט ערוועהלט אַ קרעדענשעל קאָמיטע פון פאָלגענדע:

פריינד פייגין, בר. 516, און די פר. שטערען, סלאווין, בר. 871. פריינד בענענסאָן, אַלס דעלעגאַט צו די נעשאָנאַל באָארד אוו דירעקטאָרס, גיט אָפּ אַ רעפּאָרט פון לעצטען מיטינג פון דער נעשאָנאַל באָארד.

צווישען פאַרשיעדענע רעפּאָרטס באריכטעט פר. בענענסאָן, אַז די אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט באשטימט אָנפיהרען אַ קאמפּיין פאַר געשטראָכענע מעמבערס, און אַ קאמפּיין פאַר אריינגעהמען פרויען־מעמבערס. אין אַלגעמיין פיהלט זיך אין דער אָרג. קאָמיטע אַ פּריבערשע טעטיגקייט, צו קומען צו די נעקסטע קאָנווענשאָן מיט זיבעציג טויזענד מעמבערס, נאַטירליך ווען די אַלע ברענטשעס וועלען קומען צו הילף.

אַלס ביישפּיעל ווי אַריינצוקריגען נייע מעמבערס, באמערקט פר. בענענסאן, צייכענט זיך אויס אַ בר. אין מינעאַפּאָליס אויף פאָלגענדען אופן:

יעדער מעמבער פון בר. קריגט אַדרעסען פון פריינד און באַקאַנטע, וועלכע זיינען גינסטיג פאַר דעם אַרב. רינג, דאַן שיקט דער בר. אַ קאָמיטע צו באזוכען זיי אין הויז און אַזוי אַרום קריגט דער בר. אַריין אַ גרויסע צאָהל מעמבערס.

פר. בענענסאן באמערקט, אַז ניט אַבטענדיג אויף דעם דרעפט האָט לעצטענס דער אַרב. רינג צוגעקראָגען אַרום טויזענד מעמבערס.

פר. בענענסאן האָט אויך באריכטעט די טעטיגקייט פון די פאַרשיעדענע קאָמיטעס, ווי די עדיוקיישאָנאל און סאניטאריום, און ז. וו.

די קרעדענשעל קאָמיטע באריכטעט, אַז ביים קאָנפערענץ זיינען פאַרטראָטען 25 ברענטשעס דורך 49 דעלעגאַטען. פאָלגענדע ברענטשעס זיינען פאַרטראָטען:

בר. 65, 131, 162, 178, 252, 264, 306, 376, 385, 391, 404, 409, 433, 444, 464, 497, 516, 519, 526, 526, 540, 541, 542, 552 און 567.

דער סעקרעטער, פר. בענענסאן, פון דער דיסט. אָרג. קאָמיטע באַריכטעט, אַז דער דיסטריקט האָט פאַר דער לעצטער צייט פאַרהעלטניסמעסיג ניט געטאָן גענוג אַרבייט, וואָס וואָלט, נאָך זיין מיינונג, געדאַרפט פיעל מעהר געטאָן ווערען. ער גיט אָן אורזאַכען, אַז פיעלע דעלעגאַטען פלעגען ניט קומען רעגולער, פאָלגליך איז די גאַנצע לאַסט געפאַלען אויף אַ קליינער צאָהל דעלעגאַטען, וועלכע האָבען געדאַרפט אויספילען די אַרבייט. דאָך האָבען זיי פאַר דער לעצטער צייט באַזוכט 68 מיטינגען. זיי האָבען אויך אינסטאָלירט טשיפּאוועצער פאראיין אַלס אַ בר. 596 א. ר. און נעקסטע וואָך געהען זיי אינסטאָלירען נאָך אַ ברענטש אָרב. רינג.

די דיסט. אָרג. קאָמיטע האָט אויך אראנזשירט צוזאַמען מיט בר. 32 אַ קאָנצערט און מאַס־מיטינג אויף שבת, דעם 31טען אויגוסט, און אויך אַ באַנקעט אויף זונטאג, דעם 1טען סעפּטעמבער, לכבוד דער פייערונג פון דעם 15טען יובילעאום פון א. ר. אין שיקאַגאָ, און זיי פאַרזיכערען אַז עס וועט זיין אַ אינטערעסאַנטע ערשיינונג פאַר די מעמבערס פון אַ. ר. אין שיקאַגאָ.

דער סעקרעטער פון דעם דיסטריקט אַנאָנסירט, אַז די יעניגע ברענטשעס וואָס וועלען אונטערזוכען זייערע ביכער זאָלען זיך ווענדען צו דער דיסט. אָרג. קאָמיטע.

נאָך פאַרשיעדענע אַנדערע רעפּאָרטס פון דער דיסט. אָרג. קאָמיטע ווערט אויפגענומען נאָמיניישאָנס פאַר דעלעגאַטען פאַר דעם נעקסטען טערמין.

פאָלגענדע ווערען ערוועהלט נאָך די מעהרסטע צאָהל שטימען:

פר. בענענסאן, בר. 162; קאָבלענטץ, בר. 264; קראַוויטץ, בר. 385; פייגין, בר. 516; סילווערשטיין, 391; שטערען, 178; וועלטמאַן, בר. 516; העווער, בר. 409; סלאווין, בר. 178; וועקסלער, בר. 254; לעמפּערט, בר. 162; גאַרפינקעל, בר. 419; רוישיס, בר. 542; מאָסקאָוויטש, בר. 527, און ראַבין, בר. 252. מיט גרויס באגייסטערונג און מיט די בעסטע פּלענער פאַר דער צוקונפטיגער אַרבייט אין דער דיסט אָרג. ווערט דער קאָנפערענץ געשלאָסען.

מ. סטראַסמאַן, סעק.

---

די „פעדעראַציע פון אידישע קאָאָפּעראַטיווען אין אַמעריקא" בעט אונז צו פאַרעפענטליכען די פאָלגענדע קוויטירונג און מעלדונג:

די פאָלגענדע האָבען זיך אָנגעשלאָסען אַלס פּראָטעקטאָראַל מיטגליעדער: אַרבייטער רינג נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו קאָמיטע—10 דאָל. אינטריטס־געלד, און 3 דאָל. דיוס פאַר איין יאָהר. ברענטשעס: 79 קליוולאַנד, 90 טרענטאָן, 95 פּאָרט עמבאָי און 248 לאָס אַנדזשעלאָס, יעדער האָט איינגעצאָהלט צו 5 דאָל. איינטריטס־געלד און 3 דאָל. דיוס.

די פאָלגענדע ברענטשעס האָבען איינגעצאָהלט צו 5 דאָל. איינטריטס־געלד: 7 האָבאָקען, נ. דזש., 140 פּעטערסאָן, 143 נוּאַרק, 187 אינדיאַנאַפּאָליס, 376 שיקאַגאָ, 382 ניו־יאָרק, 395 ראָק איילענד, איל., 501 ניו־יאָרק, 47 עליזאַבעטה און 157 ס. בענד, אינ. דאָניישאָנס (איידער עס איז באשלאָסען געוואָרען אַריינצונעהמען פּראָטעקטאָראַל מיטגליעדער): בר. 88 און 301 ניו־יאָרק צו 4 דאָל. יעדער.

אַ פולע ליסט פון אַלע אָנגעשלאָסענע אָרגאַניזאַציאָנען, אויסער די אַרב. רינג ברענטשעס, וועט פאַרעפענטליכט ווערען אין „פאָרווערטס" און „פרייע אַרבייטער שטימע".

ברענטשעס, וועלכע האָבען נאָך ניט פאַרהאַנדעלט וועגען אַנשליסען זיך, זיינען געבעטען צו טאָן עס ביי דער ערשטער געלעגענהייט, אויב דער צושריפט פון דער פעדעראַציע איז פאַרלאָרען געגאַנגען אָדער איז ניט ערהאַלטען געוואָרען, אויך פאַר אַנדערע אויסקינפטע, זייט איהר געבעטען גלייך צו לאָזען וויסען שריפטליך, אויף דעם פאָלגענדען אַדרעס: פעדעריישאָן אוו דזשואיש קאָאָפּעראַטיוו סאָסייעטיס אוו אַמעריקא, 124 דילענסי סטריט, ניו יאָרק, נ. י.

פערזענליך קענט איהר זעהן דעם סעקרעטער יעדען דיענסטאג און פרייטאג אבענד, אויף דעם אויבען־דערמאַנטען אַדרעס.

---

י. עפּשטיין מעמבער פון בר. 266, שרייבט אונז וועגען דער „לוידיס אָקזיליעדי" פון אַ. ר. אין סט. פּאול, מינג.

דיעזע אָרגאַניזאַציאָן איז געגרינדעט געוואָרען דעם 10טען פּעברואַר, 1918, און אין פערלויף פון איניגע מאָנאַטען האָט זי מעהרערע מאָל באוויזען איהר עקזיסטענץ־בארעכטיגונג.

דער געדאַנק פון אָרגאַניזירען די אידישע ראַדיקאָלע פרויען אין אַ ספּעציעלע פרויען אָרגאַניזאַציאָן האָט אין אָנפאַנג געקראָגען אַ קאַלטען קבלת פּנים אין מאַנכע קרייזען פון דער היגער ראַדיקאַלער קאָלאָניע. דער הויפּט אַרגומענט פון די געגנער פון דיעזער באוועגונג איז געווען, דאָס אונזערע פרויען האָבען במעט קיין ערפאַהרונג ניט געהאַט אין אָרגאַניזאַציאָנס־טעטיגקייט, און דאַרום האָט זיך ביי זיי ניט ענטוויקעלט קיין אינטערעס צו אָנפיהרען און אויפהאַלטען א ספּעציעלע פרויען אָרגאַניזאַציאָן. די טעטיגקייט פון דער „לוידיס אָקזילערי פון אַ. ר." האָט אָבער בעוויזען דאָס איניגע פון אונזערע ראַדיקאָלע פרויען האָבען שוין לאַנג געפיהלט אַ שטאַרקען פערלאַנג אריינצוואַרפען זיך אין דער באוועגונג, טיילווייז אום צו מאַכען זיך ניצליך פאַר דער באוועגונג מיט וועמעס אידעאַלען זיי זיינען אימער געווען דורכגעדרונגען, און טיילווייז אום צו מאַכען זייער אייגענעם לעבען מעהר אינטערעסאַנט און פערשיעדענאַרטיג. צו דערזעלבער צייט האָבען דיעזע פרויען געדענקט אז אין די אַלגעמיינע ראַדיקאַלע אָרגאַניזאַציאָנען האָבען די מענער „מאָנאָפּאָליזירט" די טעטיגקייט און די לידערשיפּ, און די פרויען האָבען ניט קיין גענוגענדע מעגליכקייט צו אויסאיבען זייער איינפלוס און

פערנעהמען דעם פּלאַץ וועלכען זיי פערדיענען. אַזוי שנעל ווי די „לײדים אַקזילערי פון אַ. ר.״ איז געגרינדעט געװאָרען האָבען דיעזע פרויען געווידמעט דער נייער אָרגאַניזאַציאָן די גאַנצע ענערגיע וועלכע האָט זיך ביי זיי אָנגעזאַמעלט אין פערלויף פון זייער לאַנגער און „געצוואונגענער״ פּאַסיוויטעט.

ביי די ערשטע עטליכע מיטינגען פון דער „אַקזילערי״ האָבען אונזערע לײדיס געהאַט צו לייזען איניגע האַרבע פּראָבלעמען וועגען פּאַרלאַמענטאַרישע רולס. עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט אַז איניגע מיטגליעדער האָבען פערלאַנגט מען זאָל אַוועקוואַרפען די הרפּה אַן א זייט און זיך נאָכפרעגען ביי די מענער, אָדער גאַר איינלאַדען אַ מאַן אַלס טשערמאַן. די מעהרהייט האָט אָבער ניט געקאָנט איינגעהן אויף אַזעלכע בעליידיגענדע פּלענער, און עס איז באַשלאָסען געוואָרען דאָס די פרויען זאָלען לערנען פון זייער אייגענער ערפאַהרונג. יעצט ריהמען זיך איניגע מיטגליעדער פון דער „אַקזילערי״ אַז ביי זייערע מיטינגען הערשט מעהר אָרדנונג ווי ביי מאַנכע מענער פון די „ראַדיקאַלען אין הויזען.״

די „לײדים אַקזילערי פון אַ. ר.״ האָט יעצט 53 מיטגליעדער. לויט דער קאָנסטיטוציאָן ווערען אַריינגענומען אין דער אָרגאַניזאַציאָן נאָר פרויען און מיידלעך וועלכע אַנערקענען דעם קלאַסענקאַמף. די מיטגליעדער מאַכען דעם נאָמען און די שטרעבונגען פון אַ. ר. און פון דער סאָציאַליסטישער בעוועגונג פּאָפּולער און באַליעבט צווישען זייערע פריינד און באַקאַנטע. די טעטיגקייט פון דער „אַקזילערי״ דריקט זיך אויס הויפּטזעכליך אין אַראַנזשירען לעקטשורס פאַר איהרע מיטגליעדער און אין שאַפען געלד פאַר צוועקען וועלכע זיינען אין איינקלאַנג מיט די שטרעבונגען פון אַרבייטער רינג. פאַר די קורצע צייט פון איהר עקזיסטענץ האָט די „אַקזילערי״ דורך פערשיעדענע אונטערנעהמונגען געשאַפען אַרום 170 דאָלאַר, וועלכע זיינען בייגעטראָגען געוואָרען צו פערשיעדענע וויכטיגע פאָנדען, אַנפאַנגענדיג מיט די מלחמה קרבנות און דעם סאָציאַליסטישען מיליאָן דאָלאַר פאָנד, און ענדיגענדיג מיט דעם לאָס-אַנזשעלאָסער סאַניטאַריום און מיט סט׳ פּאָל׳ער ליבערטי דעפענס קאָמיטע. די „אַקזילערי״ שיקט איהרע מעמבערס יעדען זונטאָג צו קאָלעקטען געלד פאַר די סט. פּאָל׳ער קאָמיטע פאַר די מלחמה ליידענדע אידען. די נעקסטע אונטערנעהמונג אין דעם טעטיגקייטס-קרייז פון דער אַקזילערי געהט זיין אַ באַזאַר, וועלכער ווערט יעצט אַראַנזשירט פון אַ מיבטיגער קאָמיטע.

די גוטע אַרבייט פון דער „לײדים אַקזילערי״ ווערט יעצט אַנערקענט פון אַלע אידישע ראַדיקאַלע אָרגאַניזאַציאָנען פון סט. פּאָל. די דיסטריקט אָרגאַניזאַציאָנס-קאָמיטע פון ארב. רינג האָט באַשלאָסען צו צולאָזען דעלעגאַטען פון די לײדיס אַקזילעריס פון דעם דיסטריקט אַלס צייכען פון אַנערקענונג פון זייער נוצליכער אַרבייט, און אויך אום צו ערמוטיגען זיי אין זייער ווייטערער ארבייט פאַר דער ארבייטער-בעוועגונג בכלל און פאַר דעם אַרבייטער-רינג בפרט.

---

פר. ס. פינקעלשטיין, סעק. פון בר. 386. בראָנקס, שרייבט אונז:

מיט גרויס פרייד קומען מיר בייצושטייערן אונזער חלק צו דעם מיליאָן דאָלאַר פאָנד וועלכען אונזערע אַמעריקאַנער סאָציאַליסטען האָבען זיך גענומען מיט אַזאַ היילינע בעגייסטערונג צו שאַפען.

בר. 386 באַדויערט וואָס אַלס גאַנצער קען ער מעהר ניט בייזטייערן ווי די סומע פון צעהן דאָלאַר, אָבער נעהמענדיג אין אַנבאַטראַכט אונזער קורצע עקזיסטענץ און די נישט זעהר געהויבענע פינאַנציעלע לאַגע און די קריזיסען, וועלכע דער ברענטש האָט דורכגעמאַכט איז דאָס איינע פון די גרעסטע אָפּפער. נאַטירליך וועלען אונזערע מעמבערס ניט באַנוגענען זיך מיט צעהן דאָלאַר און וועלען געוויס יעדער איינער באַזונדער בייזשטייערן וויפיעל ווער עס קען. דען אויב מען זאָל ביי אַזאַ היסטאָרישע וויכטיגער צייט נישט פעהיג זיין צו ברענגען קרבנות, זיינען מיר נישט ווערטה, וואָס מיר זיינען ארבייטער רינג מעמבערס. איך בין אָבער זיכער, דאָס אַלע אונזערע מעמבערס פערשטעהען עס און זיי וועלען ערפילען זייער הוב.

---

אַ. לייבאָוויץ, מעמבער פון בר. 252, שיקאַגאָ, שרייבט אונז:

די פּאָינטען פון האָב איך ערהאַלטען. איך דאַנק אייך זעהר. עס וועט ביי מיר זיין אַן אייביגער אָנדענקונג. עס איז ניט די פּען וואָס עס האָט מיר געמאַכט אריינצוברענגען נייע מעמבערס אין ארב. רינג, נאָר עס איז דער אַרב. רינג אַ ל י י ן, וועלכער אַלס סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציאָן איז דער ריכטיגער פּלאַץ פאַר דעם אַרבייטער, אַלס פערזיכערונג פון די אַפּטע אונגליקספּעלע וועלכע באַגלייטען מעהרסטענס דעם אַרבייטער. אַלס טרייער מעמבער פון ברענטש 252 האָף איך אז מיין ברענטש צוזאַמען מיט דעם אַלגעמיינעם אַרבייטער רינג וועט וואַקסען און בליהען און וועט זיין אַ ציערונג פאַר דער ארבטער באוועגונג.

---

פר. מיציקער פון בר. 397 שרייבט אונז:

מיר באריכטען אין קורצען, וואָס אונזער ברענטש טוט אין באַצוג דעם קאַמפּיין וואָס מיר האָבען וועגען אַריינגעמען נייע מעמבערס:

אויסער וואָס די דיסטריקט קאָמיטע האָט אונזער ברענטש ער וועהלט א קאַמפּיין קאָמיטע פון די טעטיגסטע מעמבערס פון אונזער ברענטש. מיר געהען דרוקען הענדבילס ספּעציעל וועגען די טעטיגקייט פון אונזער ברענטש. די הענדבילס וועלען ווערען געדרוקט אין פיעל עקזעמפּלאַרען און מיר וועלען מיט זיי פאַרפלייצען די שטאָדט.

אונזער קאַמפּיין קאָמיטע האָט זיך אונטערגענומען געהן קענוועסען איבער די הייזער, און ניט איין מאָל.

ווייטער האָבען מיר באַשלאָסען אָנצופיהרען פּראָפּאַגאַנדא צווישען די פרויען פון אונזערע מעמבערס, זיי זאָלען זיך אָנשליסען אָן דעם אַרבייטער רינג. צוליעב דיעזען צוועק אַראַנזשירען מיר אַ ספּעציעלען אבענד פאַר די פרויען, אַ קליינע אונטערנעהמונג, אויף וועלכען מיר וועלען אַגיטירען פאַר דעם אַ. ר.

דאָס איז אין קורצען וואָס מיר האָבען אָנגעפאַנגען טאָן. מיר האָפען צו האָבען רעזולטאַטען. דער דרעפט וועט אונז שטערען אַביסעל אין דער אַרבייט, און אויך דער גרויסער סטרייק, וואָס ביי אונז אין שטאָדט קומט פאָר, פון די מאַשיניסטען אין די אמוניציאָן פעקטאָריס. מיר פאַרלירען צוליעב די אויבען-דערמאָנטע אורזאַכען די טעטיגסטע מעמבערס.

„בונד״ 397 אַ. ר. מיציקער, פינ. סעק.

---

## האָרסאָן און בוירגען קאונטים יעהרליכע קאָנפערענץ.

זונטאָג דעם 18טען אויגוסט האָט די האָרסאָן בוירגען קאונטי דיסטריקט אָרג. קאָמיטע אָפּגעהאַלטען דעם יעהרליכען קאָנפערענץ אין „סטאַר אָף איזראַעל האָלל״, האָבאָקען, נ. דזש. פריינד יעלין האָט פאַרטראָטען דער נאַצ. אָרג. און עדיוקיישאָן קאָמיטע.

פריינד נ. אבראַמסאָן, פון ברענטש 10, ווערט ערוועהלט טשערמאַן, און מ. שאכמאַן, בר. 504, סעקרעטער פאַר דער קאָנפערענץ. אַ קרעדענשעל קאָמיטע ערוועהלט פון פאָלגענדע: פר. שאפּירא, בר. 10 ; קאַין, בר. 7.

די קרעדענשעל קאָמיטע באריכטעט דאָס די פאָלגענדע ברענטשעס זיינען פאַרטראָטען: בר. 7, 2 דעלעגאַטען ; בר. 10—3 ; בר. 59, 2 ; בר. 198, 3 ; בר. 316, 3 ; בר. 486, 2 ; בר 504, 2 ; בר. 567, 3 ; די דיסטריקט קאָמיטע 3. צוזאַמען 23 דעלעגאַטען.

פריינד ס. באַסקין, בר. 198, גיט אָפּ דעם באריכט פון דעם יאָהר טעטיגקייט, אַז די דיסט. קאָמיטע האָט געטון זעהר גוטע אַרבייט. זיי האָבען באַזוכט די ברענטשעס, האָבען געשליכטעט פיעל טראָבעל אין איניגע ברענטשעס, האָבען קאָלעקטעט פאַר דעם 25000 דאָלאַר פאָנד איבער 800 דאָלאַר. זיי האָבען אויך געאַרבייט צו פאַרשטאַרקען די מעמבערשיפּ מיט איבער 200 נייע מעמבערס.

די דיסט. אָרג. קאָמיטע האָט אויך ערוועהלט אַ סאַב-קאָמיטע פון 10 פאַר עדיוקיישאָן אַרבייט, און האָבען באַשלאָסען, אַז דעם נעכסטען ווינטער זאָלען האָרסאָן און בוירגען קאונטי ברענטשעס האָבען 22 לעקטשורס, וואָס עס וועט פאָדערען אַ סומע געלד. זיי האָבען דורכגעפיהרט, אַז די ברענטשעס האָבען געטעקסט 5 סענט אַ קוואָרטאָל די מעמבערס פאַר די נעכסטע 4 קוואַרטאַלען פאַר דיעזען צוועק, אָבער זיי פאַרלאַנגען אַז די נאַצ. עדיוקיישאָן קאָמיטע זאָל מיט אַלעס מעגליכעס מיטהעלפען צו דיעזען צוועק. דער באריכט ווערט גוטגעהייסען מיט דאַנק.

די ברענטשעס באַריכטען פאָלגענדעס: בר. 7 מאַכט פאָרטשריט פינאַנציעל און אויך אין מעמבערשיפּ. זיי האָבען באַוויליגט 10 דאָל. פאַר דעם מיליאָן דאָלאַר פאָנד. בר. 10 האָט זיך „געפּלעדזשט״ מיט 60 דאָל. פאַר דעם מיליאָן דאָלאַר פאָנד ; 316 — מיט 25 דאָל. ;

198 באוויליגט 10 דאל. און וועלען אויך קאָלעקטען דורך ליסטען; 504 באוויליגט 5 דאל. און וועלען אויך קאָלעקטען דורך ליסטען.

פריינד ס. יעללין, דעלעגאַט פון נאַצ. אָרג. און עדיוקיישאָן קאָמיטע, ערקלעהרט, אַז די אַרבייט פון דער דיסט. קאָמיטע און פון די ברענטשעס זיינען צופריעדענשטעלענד. ער באריכטעט, אַז די נאַצ. עקז. קאָמיטע האָט באשלאָסען אַ קאמפּיין פאַר 10 טויזענד נייע מעמבערס און ער בעט אין נאָמען פון דער נאַצ. עקז., אַז די דיסט. קאָמיטע זאָל אָנווענדען איהר אַרבייט פאַר דיעזען צוועק און אויך פאַר דעם מילאָן דאלאר פאָנד.

פריינד סלאווין, נאַצ. באָארד אוו דירעקטאָרס פון ניו דזשוירזי, גיט אָפּ דעם באריכט פון דער ערשטער זיצונג. דער באריכט איז געווען זעהר אינטערעסאַנט צו הערען. נאָך פיעלע פראַגען, אויף וועלכע פר. סלאווין האָט געענטפערט, דריקט איהם די קאָנפערענץ אויס אַ דאַנק. די קאָנפערענץ באשליסט, אַז זיי וועלען האָבען דעם ערשטען מיטינג פון דער דיסט. קאָמיטע און וועלען באשליסען אַ געוויסען דייט, וואָס זיי וועלען פאָדערען פון דער נאַצ. עדיוקיישאָן קאָמיטע איין רעפּרעזענטאטיוו, אויסצואַרבייטען די פּלענער ווי אויך די טהעמאס פאַר די לעקטשורס פאַר דעם נעקסטען ווינטער. די קאָנפערענץ ערוועהלט אַ דיסט. אָרג. קאָמיטע פון 11 פאַר דעם יאָהר 1918—1919 און וועלען טון זייער בעסטעס אויסצופיהרען די באַשליסע פון דער נאַצ. אָרג. קאָמיטע.

מ. שאכמאַן, סעק. האדסאָן און בוירגען דיסט. קאָם.

---

פריינד סאלאמאָן ליפשיץ, סאַן אַנטאָניא, טעקסאס, שרייבט אונז:

עס איז שוין 10 יאָהר אַז מיר עקזיסטירען אלס ברענטש. מיר זיינען געווען טעטיג אויף אַלע געביטען פון געזעלשאַפטליכען לעבען. נאָך 10 יאָהר עקזיסטענץ לאָזען מיר אַ גוטען רעקאָרד. די אידישע ווי אויך די קריסטליכע וועלט באַציהט זיך מיט רעספּעקט צו אונזער בר. וועלכער איז דאָ דער איינציגער, מען מעג זאָגען מיט זיכערהייט, ראַדיקאַלער און פּראָגרעסיווער פאָרשטעהער. דעם 14טען יולי האָבען מיר געהאַט אַ פּיקניק וועלכער איז געווען דער גרעסטער מאָראַלער און פינאַנציעלער ערפאָלג. די פּראָפיטען פון אונזער פּיקניק געהען אַ טייל פאר די מלחמה קרבנות און אויפצופיהרען וויטערדיגע עדיוקיישאָנאל ארבייט. מיר האָבען אויך פיעל געטאָן פאַר טהאָמאס מוני. מיט איניגע מאָנאַטען צוריק האָבען מיר געהאָט אַ ספּעשעל מיטינג, וואו עס איז געזאמעלט געוואָרען 35 דאָלאר פאר זיין פערטיידיגונג. דעם 28טען יולי האָבען מיר צוזאַמען מיט די היגע טריידס קאונסיל געהאלטען א פּראָטעסט מיטינג וועלכער איז געווען אַן ערפאָלג.

דעם ערשטען יולי האָבען מיר געהאַט ברענטש וואהלען און פר. וו. קאופמאַן איז ערוועהלט געוואָרען אויף מיין פּלאַץ אַלס סעקרעטער. איך האָף, אַז ער איז דער פּאַסענדער מאַן אויפ'ן פּאַסענדען פּלאַץ. איך זעלבסט פאַרבלייב אין ברענטש אַלס „ראַדאָוואַי" סאָלדאַט און איך האָף אָנצוזאַמלען גענוג קרעפטען אום איך זאָל שפּעטער קענען פיעל מעהר לייסטען פאר אונזער באַליעבטען אָרדען.

---

די ברענטשעס פון וויליאַמסבורג, נעמליך 3, 4, 6 און 325, האָבען אָראַנזשירט אויף זונטאג מאַטינע, דעם 27טען אָקטאָבער, 1918, אין די אקאדעמי אוו מיוזיק, דעם באריהמטען טאַשאַ זיידעל פאר אַ קאָנצערט צו גונסטען אונזער „היים" פון 76 טרופּ עוועניו, ברוקלין.

די מעמבערס זיינען געבעטען צו העלפען מאַכען דעם בענעפיט פאַר אַן ערפאָלג דערמיט וואָס זיי וועלען נעמען און העלפען פאַרקויפען די קאָנצערט טיקעטס, צו באקומען אין 76 טרופּ עוועניו.

מיט פריינדליכען גרוס,

סעם ליוויי, רעק. סעק. בר. 3 אַ. ר.

---

## מיכאַלפאָלער פּאָדאָלער פּראָגרעסיוו ברענטש 578 אַ. ר.

ברענטש 578 אַ. ר. לאָזט וויסען אַלע אַרבייטער רינג ברענטשעס ווי אויך אַלע אַנדערע אָרגאַניזאַציאָנען, דאָס צוליעב די פינאַנציעלע אומשטענדען פון אונזער ברענטש, ווערט די קאַסע פאַר אויסערליכע שטיצע פאר די נעקסטע 6 מאָנאַטען געשלאָסען.

מאקס מאַלינאַווסקע, פינ. סעק.

---

מעלדונג.

מיט פאַרדרוס לאָזען מיר וויסען די ברענטשעס, וואָס ווענדען זיך נאָך שטיצע פאר אַ קראַנקען מעמבער, אַז איהר זאָלט זיך ניט ווענדען מיט אַפּיעלס צו אונזער ברענטש. אונזער ברענטש איז אין אַ זעהר שלעכטען צושטאַנד. עס איז אַן אומגליק פאַר אונזער ברענטש צו שטיצען די אַפּיעלס.

י. ליפּסאָן, סעק. בר. 584.

---

## קוויטירונג פון שעדליצער ברענטש 53 אַ. ר.

פאָלגענדע ברענטשעס האָבען זיך אָפּגערופען אויף אונזער הילפסרוף און האָבען אַריינגעשיקט זייערע דאָנײשאָנס:

בר. 174, $4.10; בר. 413, $2.35; בר. 495, $2.50. די ברענטשעס 484, 348, 330, 380 צו 2 דאל. די ברענטשעס 324, 410, 116, 130, 569 54, 594, 46, 65, 320, 537, 212, 265, 430, 319, 216, 598, 184, 393, 383, 52, 211, 606, 158, 170, 23, 41, 135, 425, 312, 228, 489, 27, 437, 114, 533, 161, 331, 55, 7, 242, 475, 143, 187, 105, 92, 459, 276, 123, 529, 244, 210, 261, 232 צו 1 דאל. בר. 599, 51 ס. די ברענטשעס 13, 522, 45, 140, 570, 80, 87, 70, 470, 295, 110, 342, 94, 362, 577, 317, 496, 457, 240, 418, 133, 229, 22, 305, 564, 98, 469, 304, 303, 6, 531, 326, 28, 127, 99, 541, 266, 488, 48, 351, 79, 426, 382, 258, 195, 349, 316, 200, 252, 120, 565, 63, 157, 576, 500, 367, 288, 109, 64, 397, 234, 174, 106, 361, 278, 119, 438, 417, 180, 315, 10, 518, 256, 29, 84, 545, 152, 534, 269, 47, 245, 82, 422, 198, 162, 166, 39, 38, 42, 2, 510, 121, 208, 416, 106, 274, 431 צו 50 סענט. די ברענטשעס 447, 603, 608, צו 25 סענט. בר. 384, קענעדע, האָבען צוריקגעשיקט אַ טשעק פאַר 50 סענט, אָבער מיר האָבען קיין אַנדערען ניט ערהאַלטען.

מיר דאַנקען הערצליך צו אַלע ברענטשעס פאַר די הילף.

ברענטש 53 אַ. ר. ל. קאווע, סעק.

---

# בריעף־קאסטען

וו. וועלטמאַן, שיקאַגאָ: עס איז גישט אַזאַ גרויסער כבוד צו דעמאָנסטרירען קליינליכקייט — דערצו נאָך, ווען עס האָט צו טון מיט דעם גרויסען אויגוסט בעבעל'ס נאָמען. איהר ווערט אַזוי גוט זיין וואַרטען ביז וואַנען בר. 576 אַליין וועט אייך דערמאָנען אין דעם אַלגעמיינעם רעפּאָרט.

סעם אייגעלאָף, ניו־יאָרק: לוידער איז עס נישט דרוקבאַר. אייערע כונות זיינען אָהן צווייפעל גוטע, אייערע ווינשע אויסגעצייכענט — אָבער דיזע אַלע זאַכען מאַכען נאָך נישט די גראַמען פאַר פּאָעזיע. עס מוז געזאָגט ווערען עפּעס נייעס אין אַזעלכע זאַכען, אַמווּעניגסטען אין פאָרם, אויב שוין נישט אין אינהאַלט. מיר האָבען זיך אָנגעשטרענגט צו געפינען איין שורה פון אייערע פיער און צוואַנציג, דאָס זי זאָל מיט עפּעס זיין אָריגינעל און ווערטה איבערצודרוקען, אָבער מיר האָבען לוידער נישט געפונען.

סעם גאָלדוואַג, ניו־יאָרק: מיר נעמען אָן אייער רעזיגנאַציאָן מיט'ן פולען באוואוסטזיין, דאָס עס וועט קומען אַ צייט, ווען איהר וועט איינזעהן, אַז מיט אונזער אונטערשטיצען די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָבען מיר ערפילט אונזער הייליגען חוב פאַר אונזער קלאַס און דער גאַנצער מענשהייט — איהר וועט דאַן צוריק צו אונז קומען.

פ. קאָהען, ברוקלין: נישט דרוקבאַר.

ראובן גרינבערג, ניו־יאָרק: מיר שיקען עס אייך אָפּ צוריק. מיר דענקען, אַז די לעזער פון „פריינד" אינטערעסירען זיך נישט זעהר שטאַרק מיט דער ציוניסטישער באוועגונג. אַ חוץ אַלעם איז עס צו־אַלט.

ס. נאסקאוויטש: אין אייער דאַנק־אנערקענונג דריקט איהר פיעל בעסער אויס אייערע געפיהלען, ווי אין דעם ליעד. מיר דרוקען דאָס ערשטע, אָבע נישט דאָס צווייטע — עס איז אונדרוקבאַר.

וו. אייזנער, ברוקלין: אייער בריעף אין רעדאַקציע איז לוידער גישט דרוקבאַר צוליעב די צוצויגענהייט און צוזאַמענמישונג פון פאַרשיעדענע פראַגען און אינצידענטען. אייער סכסוך מיט דער „גלייכהייט" איז אונז אינגאַנצען אונבאקאַנט און מיר קענען אייך נישט געבען קיין פּלאַץ פאַר דעם אין „פריינד". ביטע שרייבט אָן אייער מיינונג דייטליכער, קורצער און קאָנצענטרירטער, וועלען מיר עס דרוקען.

ראובן יומענסקי, ראק איילענד: אָנגעקומען צו־שפּעט פאַר דיזען נומער. אין נעקסטען.




# דאנק רעזאלוציאנען

מיר, די מעמבערס פון י. ל. פּרץ ברענטש 573 אַ. ר. אָף סעינט פּאול, מיננ., דריקען אויס אונזער האַרציגען דאַנק צו אונזער געוועזענעם פינ. סעקרעטער, פריינד סעם רוימאן, פאַרלאָזענדיג סעינט פּאול נאך סעינט דזשאָזעף, מיזורי, פאַר זיין גוטע אַרבייט וואָס ער האָט אימער געלייסטעט דעם ברענטש זינט זיין עקזיסטענץ.

מיר דריקען אויס אונזער „זײַ געזונד“ צו איהם און צו זיין פאַמיליע און ווינשען איהם ערפאָלג אין זיינע ווייטערדיגע אונטערנעהמונגען, האָפענדיג דאָס אויף ווייטער וועט אונזער פריינד, סעם רוימאן, ניט פאַרלאָזען די רייהען פון אַרבייטער רינג, און אויך זיין אימער טעטיג אין די רייהען פון דער אַרבייטער־באַוועגונג.

י. ל. פּרץ ברענטש 573 אַ. ר. אָף סט. פּאול, מיננ.
רעזאָלוציאָנס קאָמיטע: ל. ליוויי, וו. בישאָף.

---

מיר דריקען אויס אונזער טיעפסטען און בעסטען דאַנק די דריי פּעטערסאָנער קאָאָפּעראַטיוועז, ווי די בעקערי, בוטשער שאָפּ און גראָסערי, פאַר זייער גוטע און אמת׳ע הילף צו דער סאָציאליסטישער קינדער־שולע און אַלע אונטערנעהמונגען וועלכע מיר האָבען געמאַכט. אויך אַן אמת׳ען דאַנק צו די אַלע פריינד און גענאָסען, וועלכע האָבען אונז מאַטעריעל און גייסטיג געהאָלפען גרינדען די שולע, און העלפען אויך ביז׳ן היינטיגען טאָג.

פּעטערסאָנער קינדער־שולע — פאַר דער שול־פארוואלטונג,
יואל שטארק, סעקרעטער.

---

זייענדיג אין אונזער אַרבייטער רינג סאַניטאַריום אַלס פּאַציענט 8 מאָנאַטען צייט, האַלט איך אַלס מיין פליכט איבערצוגעבען די איינדריקע, ווי אויך דאָס אַלגעמיינע לעבען פון די קראַנקע צווישען זיך, אַרויסצושרייבען ריכטיג אַלע איינדריקע, איז אַ זאַך, וואָס איז שווער, ווייל אָנקומענדיג אַלס קראַנקער אין סאַניטאַריום איז דער איינדרוק אַ גאַנץ אַנדערער. זעהענדיג אַרום זיך די אַלע קראַנקע מיט שעהנע רויטע געזיכטער, מיט פרעהליכע שטימונגען, בלייבט דער קראַנקער ביי זיך אָפּהענדיג טראַכטענדיג, דאָס ער איז געוויס ערגער אָפּ פון די אַלע, וועלכע ער זעהט דאָ פאַר זיך, און ער פאַנגט אָן צו צווייפלען און פאַלט ביי זיך נאָך מעהר אַראָפּ. אָבער דאָ קומען איהם כאַלד צו הילף זיינע לײַדענס־פריינדע, פארשטעהענדיג גוט זיינע געפיהלען, און מיט אמת׳ער פריינדשאַפט טרייסטען זיי איהם און באַווייזען איהם, אַז אין אַ קורצער צייט וועט ער אויך אַזוי גוט אויסזעהן, ווי זיי זעהען אויס, דען מיט זיי איז אויך דאָס זעלבע געוועזן...

ביסלעכווייז ערוועקט זיך ביי דעם קראַנקען האָפנונג, ער פאַרטרייבט זיינע פאַרצווייפעלטע געדאַנקען, קומענדיג באַלד צו דער איבערצייגונג, אַז ער הויבט טאַקע אָן בעסער צו פיהלען און שעהנער אויסצוזעהן. ער באַקומט נייעם מוטה אָנצופאַנגען ווידער צו קעמפען געגען די טרויעריגע געדאַנקען, ביז ענדליך געלינגט איהם לויז צו ווערען פון זיי, און אַזוי ווערט ער אויך אַ פרעהליכער און אַ לוסטיגער, פאַרגעסענדיג אָן זיין קראַנקהייט. דאָס איז אייגענטליך די בעסטע מעדיצין.

יעצט וועגען דעם לעבען צווישען די פּאַציענטען. ביי דעם ערשטען בליק קען מען באַלד דערקענען, אַז אַלע האַלטען זיך איינינג, ווי איין גרויסע פאַמיליע, און איינער צו דעם צווייטען פיהלט אַ געוויסען רעספּעקט. זיצענדיג אין דיינינג רום ביים עסען האָט ניט יעדער בלויז זיך אין זינען, ווען איינער באַמערקט נור אַז דער אַנדערער עסט ניט ווי געהעריג, וועט ער איהם באַלד פרעגען, וואָס איז דער מעהר, צי ער זשאַלעוועט דעם אַרבייטער רינג געלד. דער אַרבייטער רינג איז גענוג רייך, ניש־קשה! און ער זעהט שוין אַזוי צו מאַכען, אַז ער זאָל ניט אָפּשטעהן פון עסען... דעסגלייכען איז יעדער איינער אויפמערקזאַם צי עס פעהלט ניט איינער צום עסען, אָבוואָהל עס באַלאַנגט דאָך צו דעם דאָקטאָר און ער פּאַסט שוין אויף. ווען עס טרעפט אַמאָל אַז איינער קען ניט קומען אַ געוויסע צייט אין דיינינג רום עסען איבער קראַנקהייטס־אורזאַכען, איז, ווי נור ער קומט ווידער דאָס ערשטע מאָל אין דיינינג רום, קריגט ער פון אַלע פּאַציענטען אַ הערצליכען אַפּלאוז, דאָס ניט ווילענדיג ווערט מען הינגעריסען פון באַגייסטערונג. איך געדענק אַ פאַל, עס האָט פּאַסירט מיט אַ פריינד, וואָס האָט זיך צוגעקיהלט און האָט געמוזט זיין אין האָספּיטאל אַ צייט, ווייל ער איז זעהר ערנסט קראַנק געווען, און ווי נור עס איז איהם געוואָרען בעסער און ער איז ווידער געקומען אין דיינינג רום, האָבען מיר געמאַכט אַ פּאַרטי (אויך דאָקטאָר ראָזענבערג האָט ביי געשטייערט) און מען האָט זיך אַלע זעהר געפרעהט און לוסטיג פאַרבראַכט. נאָך אַ צייכען פון דער פריינדשאַפט וועל איך באַשרייבען, וועלכע הערשט צווישען די פּאַציענטען פון סאַניטאַריום: ווען איינער פאַרלאָזט שוין דעם סאַניטאַריום, דאַמאלס פיהלען זיך אַלע יום־טוב׳דיג געשטימט און מען קלייבט זיך צוזאַמען און מיט געזאַנג און טענץ געזעגענט מען זיך און מען ווינשט איהם די הערצליכסטע ברכות, וועלכע קומען טאַקע פון דער טיעפעניש פון דער נשמה. איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסען דעם אָפּשיעדס־אבענד. איך וועל עס געדענקען מיין גאַנצען לעבען מיט וואָס פאַר אַ פרייד עס איז געוואָרען געפייערט דער אבענד פאַר מיין אַהיים פאָהרען פון סאַניטאַריום. עס איז מיר אונמעגליך אין גאַנצען אויסצודריקען מיינע געפיהלען, וואָס עס איז מיט מיר דאַמאָלס פאָרגעקומען. דער אבענד איז פאַר מיר געווען אַ גרויסע שעהנע איבערראַשונג. איך דריק אויס מיין הערצליכסטען דאַנק צו די פריינדע, וועלכע האָבען אַ וואַרימען אנטייל גענומען אין דעם קאָנצערט. אויך דריק איך אויס מיין הערצליכסטען דאַנק צו דאָקטאָר ראָזענבערג פאַר זיינע פריינדליכע באַהאַנדלונגען צו מיר, און איך דאַנק אויך דאָקטאָר היבש. ער איז ווירקליך אַ פּאַסענדע פּערזאָן פאַר דער אינסטיטושאָן. און איך דריק אויס מיין בעסטען דאַנק צו אַלע פריינדע פּאַציענטען, ווי אויך צו אַלע אַנגעשטעלטע פון סאַניטאַריום.

ס. נאַסקאָוויטש.

# צו שטילען דעם דורשט

נאָך בילדונג פון די אידישע ארבייטער, האָט זיך קיין פּריוואַטער ביזנעס-מאַן פּאַבלישער ניט געוואָלט נעמען. עס לוינט נישט דער עסק. בעסער פאַרקויפען א גאַנגבאַרע סחורה, וואָס צעהנדליגע טויזענדער וועלען זיך כאַפּען עס לעזען.

# אויף וויסענשאַפטליכע ביכער

אָבער, זיינען נישטאָ קיין פּיעלע בעלנים. נור דער באַוואוסטזיניגער, אָרגאַניזירטער ארבייטער פאַרשטעהט שוין, דאָס וויסענשאַפט איז נישט קיין בער, פאַר וועלכען מען דאַרף מורא האָבען צוריהרען זיך, נור זיין פריינד, און ער באַגריסט יעדע ערשיינונג פון אַזעלכע אויסגאַבען.

# די עדיוקיישאַנאַל קאָמיטע

פון א. ר. האָט זיך געשטעלט פאַר איהר אויפגאַבע ארויסצוגעבען אין א לייכטער, אנציהענדער און פאַרשטענדליכער שפּראַך פּאָפּולערע וויסענשאַפטליכע ביכער. זי פאַרקויפט זיי זעהר ביליג, ווייל איהר גאַנצע ארבייט איז נישט פאַר פּראָפיטען, נור פאַר פאַרשפּרייטען בילדונג און וויסען.

## האָט איהר זיי שוין געזעהען?

אויב איהר האָט נאָך נישט געזעהען אונזער 1918 לייברערי פון די זיבען ביכער, קומט צום ברענטש-מיטינג און בעט דעם סעקרעטער צו ווייזען אייך א סעט. איהר וועט בשום אופן נישט גלויבען, דאָס אַזאַ סעט ביכער זאָל יעצט

## קאָסטען נור צוויי דאָלאַר

עס איז אָבער א פאַקט. נור פאַר נישט מעמבערס איז דער פּרייז פּיער דאָלאַר — און דאָס איז נאָך א מציאה!

**זעהר ווייניג געבליבען — איילט זיך צו!**

THE FRIEND




דער פריינד

Vol. IX | NOVEMBER, 1918 | No. 11

# פון מאָנאַט צו מאָנאַט

**אין צייטען פון מגיפה**

פאַרצווייפלונג האָט נאָך קיינעם קיין רפואה ניט געבראַכט. די אַלטע מאָראַל פון „אשרי אדם מפחד תמיד“ — גליקליך איז דער מענש, וואָס שרעקט זיך שטענדיג — האָט שוין לאַנג באַנקראָטירט און האָט קיינע אויסזיכטען נישט צו ווערען אמאָל צוריק גוטשטעהענדיג. דאָס פאַרקעהרטע ווערט יעצט באַטראַכט אַלס ריכטיג: דער, וועלכער וויים נישט פון קיין יאוש, ביי וועמען דער לעבענס־אימפּולס איז הויך און טעטיג, ווער עס האָט אין זיך שטראָמען ענערגיע און קרעפטיגען ווילען — אויף אַזעלכען מאַכט די מגיפה קיין שטאַרקען אנגריף נישט אפילו, ווען זי קומט זיך שוין צוזאַמען מיט איהם.

אָפּטימיזם, טעמפּעראַמענטפולע רוהיגקייט און רוהיגער טעמפּעראַמענט, אַרבייטען פאַר אַ אידעאַל, וואָס באַפליגעלט, וואָס צואוואַרעמט, וואָס מאַכט דאָס האַרץ פולער קלאַפּען און די ברוסט זיך העכער הויבען — איז אַן אויסגעפּרובטער, זיכערער, פּסיכאָלאָגישער מיטעל געגען דער פאַרדאַמטער אַנשיקעניש, וואָס האָט שוין אַרויסגעריסען אַזוי פיעל ליעבע און טייערע פון אונזערע רייהען.

מיר זיינען בארעכטיגט צו בויגען דעם קאָפּ אין טרויער נאָך די, וואָס זיינען פאַרצוקט געוואָרען פון דער משונה'דיגער חיה רעה. מיר זיינען פאַרפליכטעט צו ווערען ענטריסטעט און אויפגעבראַכט אויף דער יעצטיגער קאַלטבלוטיגער ביזנעס־אָרדנונג, וואָס נעמט נישט אָן די נויטיגע מיטלען צו פאַרהיטען דאָס געזונד און לעבען פון איהרע בירגער, אין דער צייט וואָס פאַר אַנדערע שוואַרץ־יאָהרען איז שוין פאַראַן גענוג געלד און גענוג אַנדערע מיטלען. מיר זיינען מחויב אַליין אָנצואווענדען אַלע שכל'דיגע און היגיענישע מיטלען צו פאַרהיטען זיך און אַלע אַרום אונז פון צו ווערען אָנגעשטעקט. אָבער קיין פּלאַץ טאָר נישט בלייבען פאַר פאַרצווייפלונג, קיין אָרט טאָר נישט געגעבען ווערען צו יאוש און אַפּאַטיע.

דער הילכיגער, רוישיגער לעבען ראָלט ווייטער מיט זיינע מורא'דיגע רעדער און שטעלט זיך נישט אָפּ אויף קיין איין סעקונדע. און אַזוי לאַנג ווי מיר זיינען געזונד, ווילען מיר זיין זיינע באַוואוסטזיניגע צוהעלפער, זיינע פרייוויליגע צושטופּער.

מיר געפינען זיך יעצט אין מיטען פון אַ מעמבערשיפּ־קאַמפּיין פאַר זיבעציג טויזענד מיטגליעדער. זאָלען מיר נישט אַראָפּלאָזען אין יעצטיגען מאָמענט די הענד, נור פאַרקעהרט: נעבען די נאַסע, פרישצייטיגע קברים פון די טייערע און ליעבע, וואָס מיר האָבען יעצט פאַרלאָרען, זאָלען מיר שווערען צו פאָרטזעצען זייער אַרבייט מיט ליעבע און טרייהייט און זאָלען מיר אונזער שבועה, ווי אימער, הייליג האַלטען.

* * *

**די אַלטע און קאַלטע**

פאַראַן מענשען, וואָס טראָגען שוין אין זייערע יוגענד פּעטליעס־האָר, די קברים־בלימעלעך פון עלטער און טוידט. דאַגעגען זיינען אויך פאַראַן מיט שנעע פאַרווייסטע קעפּ, אין וועלכע יוגענד טליהעט דאָרטען מיט איהרע ליכטיגע, וואַרעמע פונקען. אַלטקייט איז אַלזאָ נישט אַ סימן פון יאָהרען. מ'קען זיין יונג אין יאָהרען און דאָך אַלט און אָפּגעלעבט. מ'קען זיין אַלט אין יאָהרען און דאָך יונג אין גייסט, פריש און טעטיג, לעבעדיג און ריהרעוודיג, ווי אַ יונגער מענש. די גרעסטע טייל, אָבער, פון אונזער קלאַס מענשען זיינען, צוליעב די אומשטענדען אין וועלכע מיר לעבען, זעהר עמפּינדליך צו אַלע טוישונגען און ענדערונגען. אָט ווערט אַ מענש טעטיג, לעבעדיג און פול מיט אינטערעס צו געזעלשאַפטליכער אַרבייט. דוכט־זיך, ער וועט שוין שטענדיג אַזוי זיין. אָבער, דאָ גיט אַ בלאָז עפּעס אַ ווינטעלע אין זיין פּריוואַטען לעבען, אָדער אָפּטמאָל עפּעס אַן ענדערונג, אָדער אַן איבערגאַנגס־פּעריאָדע אין געזעלשאַפטליכען לעבען און דערזעלבער ווערט ערגעץ ווי פאַרפאַלען. אָפּגעשטאָרבען? ניין. ביי איהם איז פאַראַן נאָך גענוג זאַפּאַסען ענערגיע, וועלכע מוזען אָבער ווידער ווערען אָנגעריהרט פון וועלכען עס איז פונק. זאָל אַ בלאָז טון אַן אַנדער ווינטעל און עס וועט איהם צוריק אָנרעגען אָנצוהויבען זיין פריהערדיגע טעטיגקייט און אינטערעס.

הונדערטע מענשען האָבען ביי געוויסע ווינטעל־וועקסלונגען פאַרלאָזען דעם אַרבייטער־רינג, נישט זעהענדיג פאַר זיך קיינע אויסזיכטען, ווען זיי וועלען זיך נ ו י ט י ג ע ן אין אַזאַ זאַך. צייטווייליג איז ביי זיי פאַראַליזירט געוואָרען דער געזעלשאַפטליכער חוש און דער יוגענדליכער ציטער איז פאַרקיהלט געוואָרען.

אין אַזאַ צייט, ווי יעצט, ווען די עפּידעמיע בושעוועט מיט אַזאַ ווילדקייט, זעהט יעדער מענש די נויטיגקייט, אַז ער מוז אין ערגעץ באַלאַנגען. צו פיעל געפאַהרען לויערען אַרום און עס ווילט זיך נישט זיין אַליין.

ווען איהר ווילט י ע צ ט צוקומען צו די געוועזענע מעמבערס, וואָס זיינען פון אַלטקייט און קאַלטקייט אַרויסגעפאַלען פון רינג און זיך געלאָזט שטרייכען — זייט זיכער, אַז איהר קענט זיי גרינג איבערצייגען, אַז זיי האָבען געמאַכט אַ גרויסען פעהלער. דערצעהלט זיי וועגען דעם מאַניפעסט פון דער דזשענעראַל עקזעקוטיווע צו באַפרייען זיי פון די דיוס־שולדען און איהר וועט זעהן, ווי זיי וועלען עס מיט פרייד באַגריסען.

* * *

**אַ פרוי און אַ פריינדין**

נישט איינמאָל הערען מיר, ווי פיעלע פון אונזערע פריינדע באַקלאָגען זיך אויף די הינטערשטעליגקייט פון זייערע פרויען, אויף זייער ענגהערציג־

קייט און שמאָלקעפּעלדיגקייט, אויף זייער אויפשפּיעלען סצע־
נעס, ווען ער געהט אוועק צו א מיטינג און לאָזט איהר איבער,
אָפּטמאָל איינע אליין, אין דער היים. נישט זעלטען ווערען
צוליעב אזעלכע „קליינינקייטען" פאַמיליעס צושטערט מיט
אלע עפעקטען פון אן ערשיטערענדער דראַמא. גאַנץ אָפט
אָבער זעצט זיך פּאַרט אָט דער סאָרט „טויבען־לעבען" אויף
דער גאַנצער לענג פון אונזערע ביסעל יאָהרען און פאַרפעסטעט
פיזיש און מאָראַליש דאָס אונשולדיגע קליינוואַרג, וואָס זעהט
עס אַלץ צו און זאַפּט אין זיך אריין די אלע פאַרבען פון גרויל
און שוידער.

די הויפּט שולד פון דעם פאַלט, נאַטירליך, אויף די פאַר־
שאָלטענע באַדינגונגען פון אונזער לעבען, אויף אונזער פאַר־
ביטערטען און דענערווירטען קאַמף פאַר עקזיסטענץ, אויף די
אומשטענדען אין וועלכע מיר הייראַטען און פיהרען עס דעם
„אנשטענדיגען", בכבוד'יגען לעבען.

מיר וועלען אָבער זיין בלינד, ווי די פלעדערמויז, ווען מיר
וועלען פאַרמאַכען די אויגען אויף דעם פאַקט, אז אין איין
געוויסען הינזיכט זיינען מיר אויך אליין שולדיג אין דיזען
שרעקליכען צושטאַנד.

מיר פּרובען זיך נישט צו מאַכען פון אונזער פרוי א
פריינד אויסער דעם, וואָס זי איז אונזער פרוי. פרויענ־
ליכקייט ווערט פאַרוועלקט, ווייבליכקייט ווערט מיט דער צייט
אונאינטערעסאַנט, נישט זעלטען אויך אפּשטוי־
סענד — אין דער צייט ווען פריינדשאַפט, אמת'ע
פריינדשאַפט, איז ווי א שטענדיג פרישער, שפּרודלענדער פאָנ־
טאַן, וואָס קען נישט ווערען אַלט און נאָך ווענינער קען
עס ווערען אפּשטויסענדיג.

עס ווערט אָפּגעשאַצט פון קאָמפּעטענטע אַרבייטער־רינג
טוער, אז אַמווענינגסטען זיינען פאַראַן אין אַרבייטער־רינג אַרום
פינף און צוואַנציג טויזענד מיטגליעדער, וועמענס פרויען באַ־
לאַנגען נישט צום אַרבייטער־רינג. איז דען א חידוש, וואָס
אזוי פיעל האָבען זיך צו באַקלאָגען אויף זייערע פרויען, וואָס
זיי זיינען „יאַכנעס", וואָס זיי שפּיעלען זיי אויף חתונות, ווען
זיי געהען צו א מיטינג? קענען זיי דען אַרבייטער־רינג?
זיינען זיי מיט עפּעס אליין פאַרבונדען מיט'ן אַרבייטער־
רינג? עס הויבט זיך נישט אָן. טויזענדער פון די פרויען פון
אונזערע מיטגליעדער ווייסען נישט וועגען דעם א. ר. ווייל
דעם מאַן אינטערעסירט עס נישט, אז
זי זאָל וויסען און נאָך ווענינער זעהט ער די נויטווענ־
דיגקייט, אז זי זאָל אויך זיין א מיטגליעד, און
זאָל עס אונז צו קיין חרפה נישט זיין: עס טרעפט
זיך אויך, ווען די פרוי פאַרשטעהט דעם אַרביי־
טער־רינג, ווייל צו איהם באַלאַנגען, אָבער ער, דאַרפענדיג
צאָהלען דעם ביל, איז נישט אזוי באַגייסטערט דערפאַר און
האַלט אַלץ אין איין אָפּלעגען און אָפּלעגען, ביז... זי האָט
שוין עטליכע קינדערלאַך, דער קאָפּ פאַרדרעהט, עלטער רוקט
זיך אָן — און עס ווערט שפּעט.

אזא לאַגע מוז אויפהערען. אונזער דזשענעראַל עקזע־
קוטיווע אין דעם קאַמפּיין פאַר זיבעציג טויזענד
מעמבערס רופט אונזערע פרויען אַנשליסען זיך אָן אַר־
בייטער־רינג. קיינער, אויסער אייך אליין, קען דעם רוף צו
אייער פרוי נישט ברענגען. איהר מוזט זיין דער שליח, דער
אַגיטאַטאָר, דער פאַרשלעגער און אין די מעהרסטע פּאַלען אויך
דער ביל־צאָהלער. עס איז שווער, אמת. אָבער געדענקט, אז
נאָך שווערער איז אָפּצולעבען א גאַנצען לעבען מיט א מענשען,
וואָס בלייבט פרעמד צו אייערע גייסטיגע פריידען און ליידען,
ווייט פון אייערע אידעאַלען אָהן דער פאַרבינדונג פון פריינד־
שאַפטליכע פעדים.

און ווער קען זאָגען, וויפיעל נוצלאָזע טראַגעדיעס וועלען
מיט דער צייט אויסגעמידען ווערען, ווען אונזער פרוי וועט
נישט זיין פאַר אונז נור א פרוי, א קעכין, א וועשין און א
זויגערין, נאָר אויך א פריינדינע, א מיטקעמפּפערין, וואָס פאַר־
קניפּט איהרע גייסטיגע טרוימען מיט אונזערע.

* * *

**דער סענאַט און די פרויען־גלייכ־בארעכטיגונג**

און נאָך אַמאָל האָט דער טונקעלער פלעק
פון אונזער אַמעריקאַנער קאָנסטיטוציע, דער
סענאַט, געוויזען, אַז טראָץ די ליידענשאַפט־
ליכע געבעטען פון אַלע פרויען־אָרגאַניזאַציאָנען
איבער'ן לאַנד וועט ער נאָך אַמאָל אָפּשטעלען דעם ראָד פון
דער געשיכטע און איינהאַלטען איהם אזוי לאַנג ווי עס איז
מעגליך. עס האָט נישט געהאָלפען די טויזענדער פּעטיציעס
פון אַלע עקען פון לאַנד, די באַמיהונגען פון אַלע ראַדיקאַלע
קערפּערשאַפטען, דאָס איינשטעלעניש פון פּרעזידענט ווילסאָן
אַליין פאַר דעם „סאָפרעדזש ביל" — א קליינע פינסטערע
גרופּע, עטוואָס מעהר ווי א דריטעל אין סענאַט, בלינד און טויב
צו די פאָדערונגען פון לעבען און צו די ענטשיעדענע אולטימאַ־
טומס פון דער צווייטער העלפט פון דער מענשליכער ראַסע,
האָט זיך איינגע'עקשנ'ט און האָט געשטימט נעגען.

אונזערע פרויען, אין די סטייטס, וואו זיי האָבען זיך שוין
דערשלאָגען צו „סאָפרעדזש", וועלען זיך גוט אריינגעמען אין
זכרון, אז די הערדען, וואָס האָבען באַגראָבען דעם ביל געהערען
צו ביידע אַלטע פּאַרטייען, צו די רעפּובליקאַנער און צו די
דעמאָקראַטען. זייער פּלאַטפאָרמע בינדט זיי נישט, ווי עס
בינדט די סאָציאַליסטישע פּלאַטפאָרמע, אז זיי זאָלען
מוזען שטימען פאַר דער פּולשטענדיגער גלייכבארעכטיגונג
פון די פרויען. איבריגענס, זיינען דאָך די פּלאַטפאָרמען נור
ביי זיי צו פאַנגען די שטימען פון די ברייטע מאַסען. זייערע
באַלעבאַטים, וועמען זיי דינען טאַקע מיט לייב און לעבען,
נויטיגען זיך דאָך נישט אין די אַלע נייעסען און רעפאָרמען,
פאַר זיי איז דאָך גאַנץ ווייך און וואַרעם ווי עס איז יעצט.

אונזערע פרויען וועלען עס אָהן צווייפעל געדענקען אין
דיזע טעג, ווען פּאָליטישער זכרון קומט אזוי צונויף, און וועלען
אַרבייטען מיט לייב און לעבען פאַר די קאַנדידאַטען פון דער
סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

וועגען דעם גורל פון „סאָפרעדזש־ביל" אַליין זיינען מיר
אָסור באַזאָרגט. מיר זיינען זיכער, אז אין א גאַנץ קורצער
צייט אַרום וועט דער מעכטיגער בעזים פון לעבען אַראָפּקעהרען
דיזע הערען פון דער סצענע אַלס אָפּגעלעבטע, פאַרשימעלטע
רעשטלאַך.

* * *

**דער אידישער אַרבייטער און די קאָאָפּעראַטיוועס**

עס האָט נישט איינס צו דאָס אַנדערע.
דר. נ. סירקין מעג זיך פילאָזאָפירען, אז
אידען זיינען נישט מסוגל צו אזא שעפע־
רישע זאַך, ווי קאָאָפּעראַטיווען, און נור די
אויסגעוועהלטע, אויסגעזיפּטע, זיינע זעמעל־מעהלדיגע פּועלי־
ציון קענען זיך דערצו נעמען — און מיר מעגען זיך דערווייל
אַנגעהן מיט אונזער אַרבייט פאַר די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג,
ווי מיר האָבען עס שטענדיג געטון, אונטער גינסטיגע באַדינ־
גונגען. אן אויסגעצייכענטען ביישפּיעל גיבען יעצט אונזערע
ניו־יאָרקער ברענטשעס 43, 88, 149 און 501 מיט זייער אויפ־

פאַסען א גראַנדיעזען פּלאַן פאַר א גרויסע קאָאָפּעראַטיווע בע־קעריי מיט א קאַפּיטאַל פון פ י נ ף א ו ן צ ו ו א נ צ י ג ט א ו ז ע נ ד ד אָ ל ע ר. דיעזע ברענטשעס זיינען באַקאַנט אַלס סאָלידע, פאַראַנטוואָרטליכע און אגרעסיווע און אויב זיי זיינען די איניציאַטאָרען פון דיעזער אונטערנעהמונג מיינט עס, אַז אין אַ קורצער צייט נור וועלען אויך דערצו צוגעצויגען ווערען נאָך צעהנדליגע א. ר. ברענטשעס.

די לעצטע עקספּערימענטען אין כראָנזוויל האָבען געמאַכט אַ גוטען איינדרוק אויף אַלע די, וואָס האָבען אויפמערקזאַם באַטראַכט די נייע אויפגעשוואונגענע באוועגונג. דער באָדען איז יעצט גינסטיג, ווי נאָך קיינמאָל נישט אין דער געשיכטע פון דער אידישער קאָאָפּעראַטיווער באוועגונג, און ווען די ברענטשעס וועלען דערצו צוטרעטען מיט פאַרזיכט און אָר־גאַניזירטערהייט, באַראַטענדיג זיך מיט דעם הויפּט אָפּיס פון דער קאָאָפּעראַטיווער פעדעראַציע, וועלען זיי האָבען די בעסטע אומשטענדען צו זייער ריענסט.

דער אידישער ארבייטער טרעט צו יעצט צו לעגען דעם פערטען ווינקעל־שטיין פון זיין באוועגונג. אונזערע ברענטשעס וועלען געוויס אויך נישט פאַרפעהלען צו זיין מחותנים אויף דער שמחה.

* * *

**נאָך איין אָנשטרענגונג**

נאָך עטליכע טעג און אויף דער פּאָליטישער ארענא וועט אויסגעפּאַכטען ווערען א גרויסער קאַמף. די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי גרייט זיך ווידער, ווי לעצטען יאָהר, צו א גרויסער איבערראַשונג. אַלטע פעסטונגען וועלען צוזאַמענקראַכען און א זיעגרייכע סאָציא־ליסטישע פאָהן וועט ארויפגעצויגען ווערען אויף נייע הויכע פּאָזיציעס. א גאַנצע גרופּע אין קאָנגרעס, אַנשטאָט דעם פריהערדיגען איינציגען פאַרטרעטער, גרעסערע גרופּען אין די אַסעמבלים און פאַרשיעדענע אַנדערע עמטער, וועלען אָהן שום צווייפעל ארייגגעפיהרט ווערען אין דעם יעצטיגען, אימפּעטיגען און ליידענשאַפטליכען פּאָליטישען צוזאַמענשטויס.

אָבער אין גאַנצען פאַרלאָזען זיך אויף די האָפנונגען אליין טאָר מען נישט. די ג ר ע ס ט ע אָנשטרענגונגען מוזען גע־מאַכט ווערען די לעצטע טעג. אַלץ מוז אוועקגעלעגט ווערען אַן א זייט אויף א ווייַלע, כדי די שעהנע האָפנונגען צו פאַר־ווירקליכען.

זאָל דער שונא באגעגנען אזא אייזערנעם ענטשלאָסענעם ווילען און אַן אונאויסשעפּליכען ענטוזיאַזם פון אונז אַלעמען, אַז ער זאָל אנערקענען זיין אונפאַרמיידליכע מפּלה אין פיעל ערטער.

נאָך איין אָנשטרענגונג און מיר וועלען דעם פינפטען נאָ־וועמבער טרעטען אויף פיעלע נייע ערוואָרבענע הויכקייטען.

* * *

**די אידישע א. ר. שולען**

די ניו־יאָרקער ברענטשעס זיינען ענדליך צוגעטראָטען צו דער פאַרווירקליכונג פון די א. ר. קינדער־שולען. אין וויליאַמסבורג, מאַנ־העטען און הארלעם ווערט׳עס פיבערהאַפט געארבייט צו לייגען זייערע גרונד־שטיינער. נאָך עטליכע וואָכען און זיי וועלען שוין זידען און קאָכען מיט הונדערטע ארבייטער־רינג קינדער און די גרעסטע טייל שוועריגקייטען, וואָס עס ווערען יעצט באַגעגנענט, וועלען שוין אָפּגעראַמט ווערען. עס איז יעצט צייט פאַר דער קאָונטרי א ריהר צו טון זיך און נעמען אויך פאַר־ווירקליכען אין לעבען דאָס, פון וואָס מ׳האָט עטליכע יאָהר גערעדט, געאַמפּערט זיך און געקאָכט זיך. איינינע קאָונטרי־שטעדט זיינען שוין צוגעטראָטען צו דער ארבייט, אָבער א גרויסע צאָהל שטעדט, הויפּטזעכליך יענע ברענטשעס, וואָס פּלעגען זיך אַמהייסטען קאָכען, שווייגען שטיל און מיר הערען גאָרנישט פון זיי.

די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע וועט גערען העלפען מיט וואָס זי קען נאָר (ליידער זיינען איהרע מיטלען אין כחות ז ע ה ר באַגרענעצט), צו גרינדען שולען אין אַזעלכע ערטער, וואו עס איז פאַראַן א גוטער באָדען און א גענינענדע צאָהל טוער, וואָס זיינען ווילינ צולעגען א האַנד.

* * *

**פּינקטליכקייט און קאָנטראָל**

א צווילינג פון געשעפטסמעסיגקייט און אָרדנונג. דאָרטען, וואו פּינקטליכקייט הינקט אונטער קען מען ווייט נים קומען. אונזער אודי־טינג דעפּאַרטמענט האָט אויסגעארבייט א קלאָרען און איינ־פאַכען מאָדעל רעפּאָרט, וואו די ברענטשעס זאָלען קענען אָפּ־שפּיגלען זייער צושטאַנד און טעטיגקייט און צו גלייכער צייט זאָל עס צווינגען די סעקרעטערע נישט־צו פאַרנאַכלעסיגען זייער בוכפיהרונג און האָבען יעדע זאַך אין שטרענגער אָרדנונג.

ליידער קומען פיעלע ברענטשעס נישט נאָך דיעזע לאָ־גישע אויפפאָדערונג פון אונזער אָפּיס דעפּאַרטמענט. זייערע ביכער זיינען, וואהרשיינליך, עטוואָס פאַרנאַכלעסיגט. דאָס ט אָ ר נישט פּאַסירען און אונזערע סעקרעטערע מוזען זיך איינגעוואוינען צו האָבען יעדע זאַך שוואַרץ אויף ווייס, איינ־געפיהרט אין די ביכער, און זיי זאָלען אימשטאַנד זיין צו שיקען אַן אויספיהרליכען רעפּאָרט אין אָפּיס יעדען קוואַרטאַל.

מיר פאַרשטעהען זעהר גוט; אַז אונזערע סעקרעטערע טוען עס נישט גלאַט אַזוי זיך פון פוילקייט. מיר ווייסען, אַז זיי האָבען אימער פולע הענד און זיי האָבען גענוג ארבייט, אָהן דיעזע רעפּאָרטס אויך. אָבער, פריינדע, דיעזע ארבייט איז פון א ז״א וויכטיגקייט, אַז איהר מוזט דערפאַר צייט געפינען. כדי אונזער גאַנצער אפּאַראַט זאָל ווי געהעריג ארבייטען איז נויטיג, אַז דער אָפּיס זאָל האָבען די גענויעסטע ידיעות און ציפערען פון אַלע אונזערע ברענטשעס. נישט אומזיסט האָט אונזער קאָנווענשאָן וועגען דעם אָנגענומען א ספּעציעלען באַשלוס.

* * *

א פערטע קונסט־אינסטיטוציע פון ארבייטער־רינג וועט די טעג ארויסטרעטען אין דער עפענטליכקייט, גרייט ארויס־צורופען אַלע קריטיקער און קונסט־מבינים. דאָס איז דער אַר־בייטער־רינג מאַנדאָלין אָרקעסטער אין ניו־יאָרק.

דעם 9טען נאָוועמבער וועט ער מאַכען זיין ערשטע ארויס־טרעטונג און מיר האָפען, אַז ער וועט נישט פאַרשעהמען זיינע דריי עלטערע ברידער.

* * *

אויך די סטייטס וועסט ווירדזשיניא, לואיזיאַנא, א אַבאַ־מא, קאָלאָראַדא און ניו־העמפּשייר האָבען אונז אנערקענט און איינגעלאַדען צו קומען אַהין און טון דאָרטען ביזנעס. מיר זיינען שוין דאָרטען דאָ, ווי מיר זיינען פאַראַן אין פיעלע אַנ־דערע ערטער, וואו מיר זיינען נאָך דערווייל נישט כשר, אָבער— איינציגווייז און גרופּענווייז וועלען זיי קומען, ווי מעין, פלאָ־רידא, ניו־העמפּשייר, ווי ווירדזשיניא, אלאבאמא, קאלאראדא און לואיזיאַנא.

די ערד דרעהט זיך דאָך!

* * *

י. אַדלער

# אַ גליקליכער ווינקעלע

(איינדריקע)

איך האָב באזוכט דעם ארבייטער רינג סאַניטאַריום. שוין פינף מאָל בין איך דאָרט געווען. און ווען איך קום אהיים — ציהט עס מיך באַלד צוריק אהין... מיר דאכט זיך אויס, אז דאָרטען איז אַ סך פרעהליכער ווי ביי אונז אין ניו יאָרק...

גאָר פון אָנהויב האָב איך זיך פאָרגעשטעלט, אז דער סאַניטאַריום איז אַ מין האָספּיטאַל מיט אַ סך בעטלעך און אין יעדער בעטעל ליגט מיינער אַ פריינד, אַ מיטגליעד, אַ חבר פון ארבייטער רינג, און ער האַלט אין איין קרעכצען. און ווען ער קרעכצט ניט, נעהמט ער מעדיצין; און ווען ער נעהמט ניט קיין מעדיצין — זיפצט ער...

ווייטער האָב איך זיך פאָרגעשטעלט, אז דער פּלאַץ איז ערגיץ אין אַ העק, אין אַ וויסטע, וואָס דאַרף נעהמען עטליכע מעת־לעת צוצוקומען. און די געזיכטער וועלכע מען באגעגנט דאָרט זיינען בלאַסע, מאָגערע; די אויגען — מאַטע, פאַרלאָשענע. אָבער איך האָב געהאַט אַ טעות.

דער סאַניטאַריום באשטעהט פון עטליכע שעהנע מאָדערנע געביידעס מיט אַ וואונדערשעהנער לאונדרי פון קאָנקריט. קוקענדיג אויף דער לאונדרי קען מען מיינען, אז דאָס איז אַ טעאטער אָדער אַ לייברערי, אָדער גאָר אַ מוזעאום. די געביידעס זיינען ווייס ווי שנעע און קוקען ארונטער פון די גרינע בערג מיט אַ יום־טוב'דיגען קוק... דער בלויער הימעל פון אויבען און די גרינע בערג און בוימער און טייכען פון אונטען— און די וואונדערשעהנע ווייסע לינטאָס מיט די ווייסע טרעפּ וואָס פיהרען ארויף — אָט דאָס אַלעס צוזאַמען שטעלט מיט זיך פאָר אַ פּראַכטפולעס בילד! אָבער נאָך שעהנער און נאָך רייכער האָט דאָס בילד אויסגעזעהן אין די פאַרבען פון הערבסט: די געביידעס מיט די „לינטאָס" האָבען זיך ממש געבאָדען אין אַ ים פון רויט־גאָלדענע בלעטער. דער הערבסט האָט פאַרוואַנדעלט די בלעטער פון די בוימער אין גאָלד און אין קופּער...

וועהט אַ הערבסט־ווינטעל, באריהרט ער מיט זיין אָטעם די בוימער, פליהען ארונטער גאָלדענע בלעטער אויף דער ערד און גאָלד וואַלגערט זיך אונטער די פיס...

איך וועל דאָס בילד ניט פאַרגעסען; איך בין מקנא מיינע פריינד וואָס געפינען זיך דאָרט...

אָנגעקומען בין איך פּונקט צו מיטאָג. די יעצטיגע סאַניטאַריום קאָמיטע האָט מיך אריינגעפיהרט אין דיינינג רום, אין עס־צימער, און איך האָב מיינע אויגען ניט געגלויבט. איך האָט געמיינט, אז דאָס איז אַ רייכער באַנקעט.

אַ גרויסע אַ ליכטיגע דיינינג־רום, ארום און ארום מיט פענסטער. פון די פענסטער זעהען זיך בערג און בערג, איינגעטונקען אין רויטע, געלע און בראָנזענע בוימער. די פאַרבען רייצען די אויגען. איהר באָדט זיך אין פאַרבען!

איהר שטעהט אַזוי פאַרטראַכט. פּלוצים דערהערט איהר פון אַלע זייטען: העלאָ פריינד אדלער! וואָס מאַכט עפּעס אייער פריינד משה קאַפּויר? וואָס מאַכט דער באריהמטער פישעל דוד און יענטע און פינע? און באַלד שיסט אויס אַ געלעכטער פון צעהנדליגע מיילער. איהר קוקט זיך ארום און איהר דערזעהט פאַר זיך פרישע פולע געזיכטער, קוקען אויס אַ סך בעסער ווי איך, דער גאַסט... איהר קוקט אויף זיי און איהר טראַכט זיך, אז א י ה ר זייט גאָר דער אמת'ער חולה... איהר דאַרפט גאָר האָבען דעם סאַניטאַריום... און עס ווילט זיך אויסרופען: „חברה, וואָס טוט איהר דאָ? למאי פאָהרט איהר ניט צוריק אין ניו יאָרק ארבייטען? פאָהרט איהר אהיים און גיט מיר איבער אייער אָרט! — — —

אָט אַזוי ווילט זיך אויסרופען. דערווייל קלינגען די מעסער מיט די טעלער און די ווייטערס טראָגען פאַרציעס ספּרינג־טשיקען, געשמאַקע זופּ, סאַלאַדס, מילך, פּודינג, געבאַקטע עפּעל, אָראַנזשעס... חברה קוקען ניט ווי שפּעט עס איז, מען עסט און מען לאַכט, מען שטיפט און מען רעדט.

און אָט צוגעהען זיך די פריינדע פון זייער מיטאָג, און זיי באַקלאָגען זיך פאַר מיר, אז — זיי דאַרפען האָבען נייע קליידער. זיי ווערען פעט... די סוטלעך זייערע ווערען צו ענג... די קנעפּלעך רייסען זיך אָפּ... איינער זאָגט אין אַ שפּאַס, אז ער וועט פאַרקלאָגען דעם ארבייטער רינג אויף שאַדענערזאַץ. דער סאַניטאַריום האָט איהם פאַרשמעלט צוויי גוטע סוטס... נאָך איינער באַקלאָגט זיך, אז איהם איז צוגעקומען אין צוויי חדשים 20 פונט... אַ מעמבער פון מיין ברענטש רוימט מיר איין אַ סוד, אז ער וואָלט דאָ געוואָלט אייביג בלייבען... איצט ווייסט ער ערשט פון אַ לעבען צו זאָגען. ווען, זאָגט ער, האָב איך געגעסען ספּרינג־טשיקענס? ווען האָב איך געגעסען פרישע אייער געלייגט דעם זעלבען טאָג פון אונזערע אייגענע היהנער? ווען האָב איך געהאַט אַ מעגליכקייט צו שלאָפען אַזוי רוהיג און האָבען אַזאַ פרישע לופט?

— הייסט עס, אז אייך איז דאָ פרייליך? — האָב איך געפרעגט מיין פריינד.

— אַלץ הייסט פרייליך! מיר האָבען פאַרשיעדענע גיימס, דריי וויקטראָלאַס מיט פיינע רעקאָרדס, אַ טייך מיט שיפעלעך, אַ לייברערי מיט גוטע ביכער, בעדער מיט „טושעס", מיר מאַכען ליטעראַרישע אָבענדען, דיסקוסיאָנען, מיר האַלטען לעקטשורס, מען מאַכט פאַר אונז אָפטע קאָנצערטען, מען פיהרט אויף ליטעראַרישע איין־אַקטערס.

— ווער טוט דאָס פאַר אייך?

— די סאַניטאַריום־קאָמיטע. כמעט אַלע פּאָר חדשים שיקט זי אהער עטליכע גוטע קרעפטע פון ניו יאָרק, זינגער, שפּיעלערס, פאָרלעזערס, און מיר לעבען אַ גוטען טאָג.

מיר האָבען שוין דאָ געהאַט אַלע אונזערע גדולים. אפילו גענאָסע קאַהאַן, דער רעדאַקטאָר פון „פאָרווערטס". מיר זיינען דאָ, אָבער מיר לעבען מיט דעם גייסטיגען לעבען פּונקט ווי אין ניו יאָרק. מיר זיינען שטאַרק, זעהר שטאַרק פאַראינטערעסירט אין דעם סאָציאַליסטישען קעמפּיין. אונזערע הערצער שלאָגען גלייך מיט אייערע; מיר ווינשען אז אונזערע קאַנדידאַטען זאָלען פאַרטרייבען די אַלטע קאַפּיטאַליסטישע קאַנדידאַטען.

דאָ האָט זיך געלאָזט הערען די שטימע פון מעלבאַ. זי האָט געזונגען די מאַרסעליעזע. איהר וואונדערליכע שטימע האָט אָפּגעקלונגען ווייט און ברייט דורך דער וויקטראָלאַ. די פּאַציענטען האָבען אויפגעכאַפּט דאָס פרייע ליעד און — עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אז אַלע בערג, און אַלע וועלדער און אַלע גאָלדענע בלעטער, וואָס זיינען נאָך פאַרבליבען אויף די בוימער, זינגען אַלע מיט די מאַרסעליעזע...

אין די אויגען פון די פריינדע האָבען גענומען בליסטשען פריידענס־טרעהרען.

* * *

די נאַכט האָט זיך ארונטערגעלאָזט אויף איהרע גרויסע הערבסט־פליגעל און מיט אַ שטילען פּאָך איינגעדרימעלט די ארומיגע בערג...

אָבער באַלד האָט זיך פון אונטער אַ שטיק וואָלקען ארויסגע'גנב'עט די לבנה און מיט פרומע גאָטספאָרכטיגע אויגען באטראַכט די ווייסע געביידעס פונ'ם סאַניטאַריום און באַשאָטען זיי מיט אַ ריינעם זילבער־שטויב...

— — — — — — — — — — — — — — — —

מען האָט זיך געזעצט עסען סאַפּער. און ווידער האָבען אונזערע פּאַציענטען ניט געקוקט ווי שפּעט עס איז.. די גלעזער און טעלער און לעפעל האָבען געקלונגען, די פריינדע האָבען זיך געווערטעלט און געגעסען; געגעסען און געשפּאַסט.

דאָ האָט זיך אוועקגעשטעלט איינער פון דער סאַניטאַריום־קאָמיטע און געלאָזט וויסען, אז באַלד נאָכ'ן סאַפּער הויבט זיך אָן דער קאָנצערט.

חברה אַפּלאָדירען דעם קאָמיטע־מאַן, עס ווערט נאָך פרייליכער. אַן אמת'ע שמחה! אַ חוץ די רעדעס פון דער סאַניטאַריום־קאָמיטע און זינגערס, און שפּיעלערס און פאָרלעזערס און לעבעדיגע בילדער אויפ'ן לייוועוונד, דאַרף אויך גענאָסע קאַהאַן, דער רעדאַקטאָר פון „פאָרווערטס", האַלטען אַ רעדע.

איך וועל דעם אָבענד קיינמאָל, קיינמאָל ניט פאַרגעסען!

# וואָס הערט זיך אין אַרבייטער רינג?

פון י. באַסקין

די נאַטור איז מערקווירדיג נאָכגיעביג. זי העלפט די מענשען אין אַלע זייערע שטרעבונגען. זי פאַרשטעהט זייערע באַגעהרען און פאַרלאַנגען און קומט זיי צו הילף. זי ווייס, אַז דער איצטיגער פאַרלאַנג פון די מענשען איז אויסצוהרג'ענען וואָס מעהר מיט־מענשען, אָפּרייניגען אַביסעל די וועלט פון די צופיעל גרויסע מחנות לעבעדיגע באַשעפענישען, פיער־פיסיגע אַזוי ווי צוויי־פיסיגע. די מענשען טוען דאָס דורך פייער און שווערד, זיי קליגען זיך אויסצוגעפינען וואָס קינציגערע כלי־משחית, וואָס זעלטענערע ערפינדונגען אין דער לופט, אויף דער ערד און אונטער דער ערד. די נאַטור טוט דאָס אויף איהר נאָרמאַלען שטייגער. זי לאָזט ארויס פון איהר פוטערפאַס פאַרשיעדענע אַנדערע משחיתים, מחבלים און פאַרשפּרייט זיי צווישען די מענשען, און אָט דיעזע קליינע מחבלים, אין דער פאָרם פון „רזשערמס“, טוען זייער אַרבייט אויסגעצייכענט. דאָס גאַנצע לאַנד איז איצט אונטער זייער רשות, זיי זיינען אמת'ע דעמאָקראַטען און מאַכען ניט קיין אונטערשיעד פון רייך און אָרים, פון גרויס און קליין, און האָבען זאָגאַר קיין דרך־ארץ ניט פאַר דעם גרויסען, שטאַרקען, מעכטיגען אידישען אַרבייטער־אָרדען, דעם אַרבייטער־רינג. און די מגיפה בושעוועט אין פולען קראַפט. און מענשען פאַלען ווי פליגען, און עס קומט אויס, אַז עס איז גאָר קיין רעטונג ניטאָ. די מאַכטהאָבער קליימען יעדען טאָג, אַז מען האָט שוין דיעזע פורעניות אונטער קאָנטראָל, און וואָס אַ טאָג הערען מיר פון מעהר קראַנקען־פעלען, פון גרעסערע שטערבליכקייט פון דער מגיפה.

---

דער אַרבייטער־רינג איז שטאַרק געטראָפען געוואָרען פון דיעזער אָנשיקעניש. די ידיעות, וואָס דער דזשענעראַל אָפיס קריגט יעדען טאָג פון אַלע עקען לאַנד, זיינען ניט ערמוטיגענדע. אויפ'ן ערשטען אויגענבליק קומט אויס, אַז דאָס גאַנצע ראַד פון דער גרויסען מאַשין איז אָפּגעשטעלט געוואָרען, ניט רעדענדיג וועגען די אָרומיגע, ניט טראַכטענדיג וואָס זייערע שכנים טוען. ווייל ווען אַ פייער ברעכט אויס כאַפּט זיך יעדער פאַר זיין פעקעל, פאַר זיין ביסעל האָב און גוטס. און נור יחידי־סגולה, נאָר מענשען בעזעלט מיט העכערע אידעאַלען און באַגריפען האָבען מוט און קראַפט אָפּצושטעלען זיך און באַטראַכטען די געפאַהר פאַר די אַנדערע און ארויסהעלפען זיי מיט וואָס זיי זיינען נאָר אימשטאַנד, ניט קימערענדיג זיך צופיעל וועגען אייגענעם געפאַהר, וועגען אייגענער זיכערהייט.

---

און אונטער אַזעלכע אומשטענדען וואָלט געווען פיליכט ניט קלוג און ניט טאַקטיש צו קומען צו די מעמבערס פון א. ר. און דערמאַנען זיי וועגען זייערע פליכטען און שולדען צו זייער אָרגאַניזאַציאָן. עס וואָלט געווען ארויסגעוואָרפענע צייט אָנצופיהרען יעצט אַן אָרגאַניזאַציאָנס־קעמפּיין און אַנדערע קעמפּיינס, ווייל וועמען ליעגט עס אין קאָפּ אָפּצוגעבען זיך מיט אַזעלכע זאַכען, ווען מען דאַרף קלעהרען וועגען דער אייגענער זיכערהייט, וועגען דעם אייגענעם נפש, ווען יעדער האָט מורא אַריינצוקומען צו יענעם אין הויז, ווייל טאָמער וועט ער אויך ווערען אַטאַקירט פון דעם מהבל, דעם „רזשערם“. מען געהט ניט באַזוכען זאָגאַר קיין קראַנקע מעמבערס, ווייל עס איז אַ געפאַהר דאָס צו טאָן, מען האָט געסטאַפּט שיקען קאָמיטע־לייט צו די קראַנקע, ווייל קיינער וועט ניט פאָדערען פון זיי אַזאַ זאַך צו טאָן. און דער דזשענעראַל אָפיס איז געצוואונגען ביי דער איצטיגער צייט אַנצוערקענען קראַנקען־סערטיפיקייטס אָהן וועלכע ניט איז אונטערשריפטען פון קאָמיטעס. עס איז אַ שווערע, ביטערע צייט.

---

און דאָך, באַטראַכטענדיג די לאַגע אין אַלגעמיין, האָבען מיר ניט וואָס צו פאַרלירען דעם מוט. די לאַגע איז טאַקע אַ שרעקליכע, אָבער ניט קיין פאַרצווייפעלטע. אמת, מיר האָבען געהאַט גרויסע אויסזיכטען. מיר האָבען זיך פאַרמאָסטען אויף אַ גרויסער אָרגאַניזאַציאָנס־טעטיגקייט אין אָקטאָבער. ריעזען מאָנאַט האָט די נאַצ. עקז. באַשטימט אַלס אַ מאָנאַט פון ספּעציעלער אָנשטרענגונג פאַר אַריינצוקריגען צוריק די געשטראָכענע מעמבערס. און די אויסזיכטען פאַר ערפאָלג זיינען געווען גלענצענדע. צוליעב די מגיפה אָבער זיינען פיעלע מיטינגען געסטאַפּט געוואָרען, קיין זעהר ברייטע אָרגאַניזאַציאָנס־טעטיגקייט האָט מען ניט געקענט ענטוויקלען און די רעזולטאַטען זיינען דערווייל ניט אַזעלכע, וועלכע מ'האָט ערוואַרטעט. אָבער די אַרבייט איז אינגאַנצען ניט געסטאַפּט געוואָרען. פיעל ברענטשעס האָבען אַליין אָנגעפיהרט אַ ספּעציעלען קעמפּיין פאַר זייערע געשטראָכענע מעמבערס. זיי האָבען ארויסגעשיקט לעטערס צו יעדען איינעם פון די געוועזענע מעמבערס און צווישען זיי אַגיטירט אומצוקעהרען זיך צוריק אין די אַלטע רייהען. אין פיעלע פלעצער, אויף ווּפיעל עס איז געווען מעגליך, זיינען קאָמיטע־לייט געשיקט געוואָרען צו דיעזע געשטראָכענע מעמבערס, און דאָס האָט געבראַכט זעהר גוטע רעזולטאַטען.

---

און דער קעמפּיין פאַר דעם מיליאָן דאָלאַר פאָנד געהט אָן גאָר ניט שלעכט, און ווען מען נעהמט אין אנבאַטראַכט די אומשטענדען, קען מען זאָגען, אַז ער איז אַן ערפאָלג. אמת, מיר זיינען נאָך ווייט פון די 10 טויזענד דאָלאַר, וועלכע די עקז. קאָמיטע האָט זיך געשטעלט אַלס ציעל צו דערגרייכען, אָבער מיר זיינען זיכער, אַז אַ סומע נאָהענט פון דיעזער גרויס וועט געשאַפען ווערען. דער אַפּיעל פון דער נאַצ. עקז. קאָמיטע האָט געקראָגען אַזאַ וואַרימען אָפּקלאַנג אין אַלע ברענטשעס און ביי איינצעלנע מעמבערס, אַז עס איז איינפאַך צו באַוואונדערען. און ווען ניט די יעצטיגע צייטען, וואָלט דער א. ר. געשאַפען אַ סך מעהר ווי 10 טויזענד דאָלאַר. חוץ דעם דאַרף מען האָבען אין זינען, אַז די לאָקאַלע קעמפּיין קאָמיטעס זאַמלען אויך געלד באַזונדער פאַר זייערע לאָקאַלע באַדערפענישען און די ברענטשעס פון א. ר. שיקען אומעדום: ווער עס ווענדעט זיך צו זיי געהט ניט אַוועק מיט אַ לעדיגער האַנד. אין דזשענעראַל אָפיס קומען אַריין געלדער פון אַלערליי סאָרטען אָרגאַניזאַציאָנען און קאָמיטעס, פאַר אַלערליי קאַמפּיינס (פאַרשטעהט זיך, סאָציאַליסטישע), פאַר אַלערליי דעפענס פאָנדס, אָנפאַנגענדיג מיט'ן דעבס דעפענס פאָנד און ענדיגענדיג מיט מוני און טילסטאָן און אַנדערע. מיט איין וואָרט, די ברענטשעס פון א. ר. ציינען ארויס טעטיגקייט, לעבען און אָפּפערוויליגקייט אין די שווערסטע אומשטענדען, אין די ערגסטע צייטען, און דאָס קען דיענען אַלס אַ ביישפּיעל פון ערמינטערונג און גלויבען אין אייגענע כחות.

זיי זיינען נאָך צופריעדען, וואָס די עקזעקוטיווע גיט זיי אַרבייט, לעגט אַרויף אויף זיי געוויסע פאַראַנטוואָרטליכקייט, ווי די לאָס אַנדזשעלעס סיטי קאָמיטע זאָגט. זיי האָבען אין לאָס אַנדזשעלעס געמאַכט פאַרשיעדענע אונטערנעהמונגען פאַר דעם מיליאָן דאָלאַר פאָנד און האָבען ביז יעצט צוגעשיקט 200 דאָלאַר אין אָפיס און פאַרשפּרעכען נאָך 200 דאָלאַר. דאָס וועט אויסמאַכען אַריבער אַ דאָלאַר פער מעמבער. דוכט זיך גאַנץ גוט. דאָך ווילען זיי שאַפען מעהר. „פיעלע פון אונזערע טעטיגע מעמבערס — שרייבט פר. לעוויט, סעקרעטער פון דער קעמפּיין קאָמיטע, — זיינען מיט די רעזולטאַטען ניט אינגאַנצען צופריעדען. זיי רענקען, אַז מען האָט געדאַרפט שאַפען מעהר געלד. מיר דאַנקען אייך אַלעמען זעהר פאַר דער מעגליכקייט, וואָס איהר האָט אונז געגעבען צו טאָן גוטע אַרבייט.“

מיר, פון אונזער זייט, דאַנקען די פריינדע פאַר זייער גוטע אַרבייט און מיר פאַרזיכערען זיי, אַז די עקזעקוטיווע וועט זיי אימער געבען די מעגליכקייט צו טאָן גוטע אַרבייט, נאָר געזונד און חשק. מעגליכקייטען וועלען זיין אַ סך.

# דעמאָקראַטיע און ערציהונג

## אביסעל געדאַנקען וועגען די פרינציפען, אויף וועלכע עס דאַרף זיין געבויט אַן אמת'ע פאָלקסשולע.

פון א. ליטווין

די ווייטערדיגע געשיכטע פון די באַפרייטע פעלקער וועט פון איצט אָן געהן אויף צוויי גרויסע שליאַכען: 1) גרויסע רעפאָרמען אין סאָציאַל־עקאָנאָמישען לעבען, און 2) די באַפעסטיגונג פון דעם נאַציאָנאַלען באַוואוסטזיין ביי די ביז אהער אונטערדריקטע און פון איצט אָן ערוואַכטע און באַפרייטע פעלקער.

די פאַרשקלאַפונג פון די שוואַכע אונטערדריקטע פעלקער איז ביז אהער געגאַנגען אויך אויף צוויי וועגען: 1) דורך די־רעקטען מיליטעריש־פּאָליציייאישען צוואַנג, און 2) דורך דער שולע. די שולע איז געווען דער עיקר. די פּאָליציייאיש־מיליטערישע הערשאַפט איז קיין מאָל אין ערגעץ ניט געווען קיין זיכערער מיטעל. דאָס פאָלק האָט זי תמיד געהאַסט. ביי יעדער געלעגענהייט איז עס געווען גרייט אראָפּצוּוואַרפען אָט די פאַרגוואַלטיגונגס־מאַכט.

אַנדערש איז אָבער געווען מיט דער שולע. זי איז געווען אַ גרעסערע געפאַהר פאַר דער פרייהייט פון די פעלקער. ווייל זי האָט געזוכט פון ביקס און שווערד צו מאַכען פרינציפּען און טעאָריעס. זי האָט זיך אריינגע'גנב'עט אין די צאַרטע נשמות פון דער יוגענד, האָט זיי פאַר'סס'ט דורך פאַלשע, צביעות'דיגע, גראָבע לעהרען, דורך קאַפּיטאַליסטיש־ביוראָקראַטיש־אַסימילאַטאָרישע טענדענצען (נייגונגען); האָט אין די נשמות פון דער יוגענד טיעף איינגעפלאַנצט: פון איין זייט מורא, פון דער אַנדער זייט רעספּעקט פאַר דער רויהער הערשענדער מאַכט, און דערמיט געמאַכט זיי, די קינדערשע נשמות, פאַרטעמפּט, אונפיהלבאַר פאַר דעם ציטער פון איידעלערע שטרעבונגען און באַוועגונגען.

די גרינדליכע סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע באַפרייאונג פון די פעלקער צו זייער מיליטעריש־פּאָליציייאישער יאָך איז שוין געבראָכען, צי ער דאַרף ערשט צעבראָכען ווערען, מוז געהן, דער עיקר, דורך דער שולע. די איצטיגע שולע אין די קאַפּיטאַליסטיש־מיליטאַריסטישע לענדער איז געבויט לכתחילה און מיט דער כונה צו פאַרשקלאַפען דעם קינד'ס גייסט. די גייסטיגע באַפרייאונג מוז קומען פאַר דער פּאָליטישער, סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער באַפרייאונג. אָהן דער גייסטיגער באַפרייאונג איז קיין שום אַנדער באַפרייאונג ניט מעגליך.

און די גייסטיגע רעוואָלוציע פון אַ פאָלק און פון אַ קלאַס מוז פריהער פון אַלץ פאָרקומען אין דער שולע. די שולע מוז ווערען פריי. דאָס פאָלק אַליין, די מאַסען מוזען ווערען די בויער פון דער שולע. די עלטערן פון די קינדער און ניט קיין אַנדערע מוזען זיין די איינציגע באַלעבאַטים און דעה־זאָגער איבער דער שולע. די שולע דאַרף ערציהען זייערע קינדער, אויסבילדען פון זיי ניט פּיעשקעס, ניט מאַשינען־ און קאַנאָנען־פלייש, נאָר לעבעדיגע מענשען מיט געזונטע נשמות, שטאָלצע פרייע בירגער.

מיט איין וואָרט: די שולע דאַרף זיין אַ פאָלק־שולע. ניט בלויז לויט'ן נאָמען, נאָר לויט איהר תוך, לויט איהר אינהאַלט, לויט איהר אינערליכען כאַראַקטער און אויסערליכער פאָרם.

אַלע פאַרשקלאַפטע פעלקער האָבען דאָס די לעצטע צייט גוט פאַרשטאַנען. און דעריבער, בשעת קיין עפענטליכער קאַמף געגען זייערע אונטערדריקער איז ניט געווען מעגליך, האָבען זיי אָנגעווענדט אַלע קרעפטען צו פאַרהיטען די נשמות פון זייער יוגענד, צוצוגרייטען די צאַרטע איידעלע גייסטער פון דעם יונגען דור צו דעם בעפאָרשטעהענדיגען גרויסען קאַמף פאַר פרייהייט. זיי האָבען זיך געסטאַרעט ראַטעווען די שולע. אומעטום איז אָנגעגאַנגען אַ שטילער קאַמף פאַר דער דעמאָקראַטיזירונג און נאַציאָנאַליזירונג פון דער שולע.

די עלטערע דורות פונ'ס אידישען פאָלק האָבען פאָלקאָם פאַרשטאַנען אָט דעם אמת. און זיי האָבען געבראַכט די גרעסטע קרבנות צו ראַטעווען זייער שולע פון פאַרשקלאַפענדען פרעמד'ען איינפלוס. דער אידישער חדר, ווי איך האָב שוין ניט איין מאָל אָנגעוויזען אין מיינע אַרטיקלען איבער אידישער ערציהונג, איז, מיט אַלע זיינע פעהלערן, געווען אַ פאָלקסשולע אין פולען זין פונ'ם וואָרט. און אַ דעמאָקראַטישע שולע איז דער חדר אויך געווען. ער איז אַרויסגעוואַקסען פון דעם פאָלק'ס אינערליכע באַדערפעניסען, געווען אויסגעהאַלטען ניט פון דיפּלאָמירטע און פּאַטענטירטע לעהרער־טשינאָווניקעס, נאָר פון אָרימע פאָלקס־אינטעליגענטען. דער צוועק פונ'ם חדר איז געווען ניט צו לערנען חכמות און שפּראַכען, נאָר געבען די קינדער אַ רעליגיעז־עטישע ערציהונג. דער חדר האָט ניט אַרויסגעלאָזען קיין קאַריעריסטען און קיין געלערנטע. דערפאַר האָט ער ענטוויקעלט שטאַרקע, אָריגינעלע פּערזענליכקייטען. ווייל דער מלמד איז, אין די מעהרסטע פאַלען, מיט זיין אונגעקינצעלטען דעמאָקראַטיזם, מיט זיין תמימות, אינטעליגענץ געווען אַן אמת'ער מוסטער פון אַ מאָראַלישער פּערזענליכקייט.

מיט צוגרייטען דאָס קינד צום לעבען האָט זיך דער רבי ניט באַשעפטיגט. ניט ווייל ער האָט ניט געוואָלט, נאָר ווייל ער האָט ניט געקאָנט; ווייל עס איז פאַר איהם געווען אונמעגליך; ווייל פאַר דעם אידישען קינד איז סאַי ווי סאַי ניט געווען קיין אַנדער באַרוף, ווי דער האַנדעל, דעם טאַטענס פּרנסה.

אָבער אויך די מאָדערנע מלוכה־שולע, אין וועלכער דאָס אידיש קינד איז אין דער נייער צייט געצוואונגען צו לערנען, גרייט ניט צו צום לעבען, ס'הייסט צו אַ באַוואוסטזיניגען לעבען פון נוצליכער שאַפענדער אַרבייט; צום לעבען פון אַ דענקענדען פרייען, שטאָלצען בירגער. פון דער שולע געהט דער וועג ענטוועדער אין שאַפ און פעקטאָרי, אָדער אין אָפיס פון דעם זעלבען שאַפ און פאַבריק. ווידער מעהר ניט ווי צוויי פּרנסות. פאַר אינדיווידועלע נייגונגען, פאַר קינסטלערישע שטרעבונגען, פאַר אַ העכערען געזעלשאַפטליכען באַרוף זאָרגט ניט די מאָדערנע שולע, איבערהויפּט די שולען־קאַזאַרמעס, וואָס זיינען באַשטימט פאַר פּראָלעטאַרישע קינדער.

נאָך ווייניגער זאָרגט די מאָדערנע מלוכה־שולע פאַר דער עטישער (זיטליכער) ערציהונג פון דעם קינד. אין אָט דער הינזיכט איז דער אַלטער חדר געשטאַנען, ניט אין אַן ערך העכער פון דער מאָדערנער קאַפּיטאַליסטישער, אָדער ביוראָקראַטישער שולע.

אָט די אַלע אומשטענדען ווייס מען זעהר גוט אין דער אַלטער היים, וואָס איז נאָר וואָס באַפרייט געוואָרען פון די גלות־קייטען. אין דער נאַציאָנאַלער פאָלקסשולע שטרעבט די דעמאָקראַטישע אינטעליגענץ צו פאַראייניגען די פאָדערונגען און מעגליכקייטען פון דעם נייעם מאָמענט מיט די אידעאַלען פון דעם אַלטען חדר. ווי ראַדיקאַל די שולע זאָל ניט זיין, דאַרף זי זיין אַרויסגעוואַקסען פון דעם פאָלק אַליין, פון זיינע בעסערע טראַדיציעס, פון זיין געשיכטע און קולטור. עס קאָן אָננעמען און דאַרף אָננעמען דאָס שענע און דאָס גוטע, און דאָס איידעלע און ערהאַבענע פון אַנדערע קולטורען. אָבער — פרייוויליג, און שפּעטער, ווען דאָס קינד איז שוין באַקאַנט מיט די גרויסע מוסטערן פון דער אייגענער געשיכטע און קולטור. פונקט ווי געאָגראַפיע און היסטאָריע ווערט אין דער מאָדערנער שולע געלערנט, אָנהויבענדיג באַקאַנט צו מאַכען דאָס קינד מיט דעם פּלאַן פון זיין הויז, הויף, שולע, גאַס און

…באַרדט, אַזוי דאַרף דאָס קינד צוערשט באַקאַנט ווערען מיט …יין אייגענער נאַציאָנאַלער געשיכטע און קולטור. פון די נאָ…ענטע קומען צו ווייטערע. פון די אייגענע צו פרעמדע.

די שפּראַך אין דער נאַציאָנאַלער אמת־דעמאָקראַטישער …אָלקסשולע מוז זיין די שפּראַך פון דעם קינד'ס היים, פון …עם קינד'ס פאַמיליע. אַ סך פון די איצטיגע יונגע מאַמעס …אָבען, אַ דאַנק די ביז אַהעריגע אַסימילאַטאָרישע איינפלוסען …ון דער סביבה, פאַרוואָרפען די שפּראַך פון זייער אַלטער היים. …יך זאָג מיט אַ כיון: „פאַרוואָרפען", און ניט פאַרגעסען. …וּאָרום צווישען די ליטווישע, פוילישע, גאַליציאַנער און רומע…ישע אידישע איינגעוואַנדערטע איז כמעט ניטאָ קיין איין …ונגע מאַמע, ווי אַמעריקאַניזירט זי זאָל ניט זיין, אַז זי זאָל …ין גאַנצען האָבען פאַרגעסען א י ה ר מאַמע־לשון. זיי פאַר…וואַרפען זייער אמת'ע מוטער־שפּראַך, אונטער דער אַסימילאַ…טאָרישער ווירקונג פון דער דענאַציאָנאַליזירענדער סקוהל, אין …ער דענאַציאָנאַלירטער פאַרטעמפּטער סביבה פון נאָך אַזוינע …אונוויסענדע, אונענטוויקעלטע חבר'טעס, ווי זיי זיינען אַליין. …אַזוינע מאַמעס, אויב זיי אינטערעסירען זיך ערנסט מיט דער …ערציהונג פון זייערע קינדער, מוזען פריהער פון אַלץ אַליין …אומקעהרען זיך צו זייער אמת'ער מוטער־שפּראַך, צו זייער נאַ…ציאָנאַלען לשון, דער לשון אויף וועלכע גוטע 90 פּראָצענט פון …עם אידישען פאָלק ריידען איצט אין אַלע עקען. . .

דאָס איז די נאַציאָנאַלע זייט פון דער אמת'ער פאָלקס…שולע. די זייט, וואָס פאַרבינדט דאָס קינד מיט זיין היים, מיט …יין פאַמיליע, מיט זיין פאָלק. אין איין הינזיכט מוז זיין אַ …אונטערשיעד צווישען דער נאַציאָנאַלער שולע פון שטאַרקע, …ביז איצט הערשענדע פעלקער און דערזעלבער נאַציאָנאַלער …שולע פון שוואַכע אונטערדריקטע, נאָר וואָס ערוואַכטע און …באַפרייטע פעלקער. שוין אין דער שולע מוזען די קינדער …פון די גרויסע און שטאַרקע פעלקער קריגען איינגעשאַרפט …אַלס גרונד־עלעמענט פון זייער ערציהונג, אַז זייער שפּראַך …א י ז ניט און ד אַ ר ף ניט זיין די הערשענדע אויף דער …וועלט. אַז די שפּראַך, די קולטור, די געשיכטע פון יעדען פאָלק האָט אַ גלייכען ווערט אין דער גרויסער און רייכער שאַצקאַמער פון דער אַלמענשליכער געשיכטע און קולטור. קיין פאָלק אין קיין שפּראַך טאָר ניט אונטערדריקען אַן אַנדער פאָלק אין אַן אַנדער שפּראַך. אַז יעדעס פאָלק מוז זיין פריי. און די פרייהייט פון אַ פאָלק קאָן ניט זיין קיין אמת'ע, ווען זיין שפּראַך ווערט אונטערדריקט פון אַן אַנדער פאָלק. רעס־פּעקט צו אַנדערע נאַציאָנאַליטעטען און זייערע שפּראַכען מוז זיין אַ וויכטיגער טייל אין דער ערציהונג פון יעדער אמת'ער פאָלקסשולע.

אין דער פאָלקסשולע אָבער פון ביז איצט אונטערדריקטע נאַציאָנען מוז אָנגעווענדט ווערען דיזעלבע סיסטעם, נאָר פאַר־קעהרט. די קינדער דאַרף זיין באַוואוסט דער פאַקט, אַז זייער שפּראַך, זייער געשיכטע, זייער קולטור איז געווען ביז יעצט אונטערדריקט פון שטאַרקערע פעלקער, אַז זיי איז ניט געווען ערלויבט, אָדער עס זיינען געמאַכט געוואָרען אינדירעקטע שוועריגקייטען — צו האָבען זייער אייגענע, פרייע נאַציאָנאַלע פאָלקסשולע. זיי מוז איינגעשאַרפט ווערען דער באַוואוסטזיין פון זייער רעכט און פליכט צו האָבען זייער אייגענע שולע מיט זייער מאַמע־לשון, אַלס אומגאַנגס־שפּראַך. אַז פאַר אָט דאָס רעכט האָבען פעלקער און מענשען געקעמפּפט, און אַז אָהן דעם קאָן ניט זיין קיין אמת'ע פרייהייט. עס מוז זיי, נאַטירליך, אויך אָנגעוויזען ווערען, אַז די ליעבע צו דער אייגענער שפּראַך, געשיכטע, קולטור, טראַדיציע, איז אויף קיין פאַל ניט אין ווידערשפּרוך מיט דער ליעבע און רעספּעקט צו אַנדערע פעל־קער, אַנדערע מענשען, זייערע שפּראַכען, זייערע בעסערע זיטען.

אויף אָט די פּרינציפּען דאַרף געבויט ווערען און ווערט אין דער ווירקליכקייט געבויט די נאַציאָנאַלע פאָלקסשולע אין דער אַלטער היים. אויף דיזעלבע פּרינציפּען מוז זי געבויט ווערען אומעטום, ווען מיר ווילען, אַז די יוגענד זאָל ערצויגען ווערען אין דעם גייסט פון די אידעאַלען, וואָס דער נייער מאָמענט האָט געשאַפען, וואָס דער גייסט פון אמת'ער, ניט געפעלשטער דעמאָקראַטיע האָט אַרויסגעשטעלט איצט אויף דעם טאָג־אָרדנונג.

---

י. ב. ביילין

# בשעת מגיפה

צייט־ליעד

עס וואָרפט זיך געשליפען אין אַלערליי זייטען
דער שווערד פונ'ם טויד, וואָס הענגט איבער'ן קאָפּ;
און ווי מיט אַ פינגער עמיין וואָלט טייטען —
אַ גרויער, אַ גרויסער, פון אויבען אַראָפּ...

און בעטען נאָך בעטען זיך לעדיגען אויס
און שפּיגלען נאָך שפּיגלען אין טרויער פאַרהאַנגען;
און שיטערער ס'ווערט אַלין אין הויז נאָך הויז,
ווי שפּעט אינ'ם זומער אויף פעלדער די זאַנגען...

און קוים וואָס מ'הערט נאָך די טריט פון וואָס לעבען
און שטילער דעם אָטעם פאַרהאַלטען אין שרעקען:
עס זיינען גאָר שאָטענס, נישט מענשען, וואָס שוועבען
אַדורך אין די גאַסען, ווי זינדיגע פלעקען...

און פּחד עס לויערט אין יעטווידען ווינקעל —
עס שוואַרצט זיך אַרויס פון איטליכען שפּאַלט:
פאַרלאָשען דאָס ליכטעל, פאַרטונקעלט דער פינקעל
פון אויגען, וואָס האָבען מיט לעבען געשטראַהלט...

* * *

דאָך צווישען די וואָלקענס באַווייזט זיך דער בויגען
און פאַרבען פון האָפנונג צוקרייזען זיך שנעל;
עס ווערט די מגיפה, ווי נעבעל צופלויגען —
און לעבען נעמט ווידער צושטראַלען זיך **חעל...**



# ווי אזוי מיר דענקען



פון פיליפ קראנץ

## 1. — אַלגעמיינע באטראַכטונגען.

מענשען אורטיילען, רעזאָנירען, פאַרגלייכען און ציהען שליסע אויף אַ געוויסען שטייגער, אין אַ געוויסען סדר, לויט געוויסע געזעצע, אָבער ווער עס האָט ניט געלערנט לאָגיק, דער ווייס אייגענטליך גאָר ניט דערפון.

דאָס איז אונגעפעהר אַזוי, ווי מיט גראַמאַטיק. עס איז ניטאָ אַזאַ ווילדער שטאַם, וואָס זאָל ניט האָבען אַ שפּראַך צו באַצייכנען זאַכען און אויסצודריקען געדאַנקען. מענשען זיינען דאָך, מעג מען זאָגען, גלייכצייטיג רעזאָנירענדע און שפּרעכענדע באַשעפעניש. מיר זיינען אַזוי צוגעוואָהנט אויסצודריקען אונזערע געדאַנקען דורך ווערטער, וואָס דאָס מיינט דאָך אין אַלגעמיין געוויסע פאָרמען פון קלאַנגען, אַז עס איז אַ פראַגע, אויב מיר זיינען גאָר אין שטאַנד אַנדערש צו דענקען. פּרובירט אדרבא טראַכטען וועגען עפּעס אָהן ווערטער, וועט איהר גלייך זיך איבערצייגען, ווי ענג ווערטער זיינען פאַרבונדען מיט די געדאַנקען, ווי שווער עס איז דערביי אָבצוזונדערן. די פאָרם פון דעם אינהאַלט אָדער געדאַנקען, ווי מיר קענען ניט, זאָ צו זאָגען, אַרויסקריכען פון דער ווערטערליכער הייטעלע אַרום דער פאָרגעשטעלטער זאַך.

אָבער מענשען האָבען ניט נור געפיהרט געשפּרעכען, זאָנ־דערן האָבען. אויך געשריעבען גאָר אָהן שום גראַמאַטיקאַלישע לעהר־ביכער אין פאַרלויף פון לאַנגע דורות, ביז מיט אַ פאַר־העלטניסמעסיג קורצער צייט צוריק. אָט למשל אונזערע נביאים — האָבען זיי דען געלערנט אָדער גאָר געקענט דקדוק? ווי ווייט מען איז עס דערגאַנגען נאָך גרינדליכע נאָכפאָרשונגען איבער דעם אָנפאַנג פון דקדוק, בלייבט צו ענטפערן אויף דיזער פראַגע גאַנץ באַשטימט: ניין.

אונזערע שול־גראַמאַטיקעס האָבען מיר געקראָגען בירושה פון די גריעכען און רוימער אַזוי ווי די שול־לאָגיקעס. די ער־שטע גריכישע פילאָזאָפען האָבען געוואוסט פון גראַמאַטיק אַזוי וועניג, ווי די אידישע נביאים. זיי האָבען אויסגעדריקט זייערע געדאַנקען און מיינונגען, האָבען פילאָזאָפירט און געשריבען אַזוי גוט, ווי זיי האָבען עס געקענט אין זייערע מוטער־שפּראַכען, וועלכע זיינען ענטוויקעלט געוואָרן ווער ווייסט מיט ווי פיעל יאָהרטויזענדע פריהער. זיי האָבען געשריעבען אַזוי, ווי זיי האָבען געדענקט, און זיי האָבען געדענקט אַזוי לאָגיש ווי זיי האָבען געקענט.

אויף דעם גרונד פון זייערע שריפטען האָט מען ערשט מיט אַ יאָהר פינף הונדערט בעפאָר די קריסטליכע צייטרעכנונג, באַזונדערס ווען עס זיינען אויפגעקומען די סאָפיסטען אין גריכענלאַנד, אָנגעפאַנגען אויסצואַרבייטען דאָרטען פון איין זייט די גראַמאַטיק און פון דער אַנדער זייט די לאָגיק.

איבריגענס, מיר דאַרפען גאָר ניט פאַרקריכען אַזוי ווייט אין דער פאַרגאַנגענהייט. אַ שלאָגענדען ביישפּיעל, ווי אַזוי מען קען זיך באַגעהען און אפילו שאַפען אַ ליטעראַטור אָהן אַ גראַמאַטיק, האָבען מיר דאָך אין אונזער אייגענעם „מאַמע־לשון". קען מען אָבער דערפון דרינגען, אַז מען דאַרף גאָר אין גאַנצען ניט האָבען אַ גראַמאַטיק? ניין, אויף קיין פאַל ניט. די וועלט איז דאָך ניט משוגע, וואָס מען האָט צוזאַמענ־געשטעלט גראַמאַטיקעס פאַר אַלע שפּראַכען און וואָס איינער פון די וויכטיגסטע און ערשטע לימודים אין יעדער שול פאַר קינדער איז גראַמאַטיק.

אום ריכטיג צו שרייבען אין אירגענד וועלכער שפּראַך, מוז מען טאַקע גאַנץ גוט קענען איהר גראַמאַטיק. דערפון וואָס די ערשטע גריכישע פילאָזאָפען האָבען געשריעבען אויסגעצייכענט אָהן אַ ספּעציעלע גראַמאַטיקאַלישע קענטניס פון זייער שפּראַך (געוויסע רעגעלען האָבען זיי נאַטירליך געהאַט), קען מען ניט שליסען, אַז געוועהנליכע בשר ודם׳ס קענען דאָס זעלבע טאָן.

אונגעפעהר דאָס זעלבע מעג מען זאָגען וועגען לאָגיק. מיר רעזאָנירען טאַקע אַלע, אפילו ווען מיר האָבען גאָר ניט געהערט דעם וואָרט לאָגיק, אָבער אום ריכטיג צו רעזאָנירען און איבערהויפּט אום צו וויסען ווי אַזוי צו רעזאָנירען, ווי אַזוי מיר קומען צו אַ שלוס, דאַרף מען טאַקע שטודירען די וויסענשאַפט, וואָס טראָגט דעם אַלגעמיינעם נאָמען לאָגיק און וואָס מעג אויך גערעכענט ווערען, ווי אַריסטאָטעל, איהר געניאַלער גרינדער, דער גרעסטער פון די חכמי יון, האָט איהר גערופען: „די וויסענשאַפט פון אַלע וויסענשאַפטען".

אויף דער פראַגע: וואָס איז לאָגיק? ווען מיר דאָ קורץ ענטפערן: דאָס איז די וויסענשאַפט פון רעזאָנירען, אָדער עטוואָס גענויער: די וויסענ־שאַפט פון די געזעצע פון דענקען.

דער נאָמען קומט פון דעם גריכישען וואָרט „לאָגאָס", וואָס זיינע הויפּט־באַדייטונגען זיינען: „וואָרט" און „פאַר־שטאַנד". דער העברעאישער נאָמען פאַר דיזע וויסענשאַפט איז חכמת ההגיון אָדער הגיון, פון דעם וואָרט „הגה", וואָס באַדייטעט: „דענקען". מען קען אויך זאָגען, אַז לאָגיק מיינט די אַנאַליזירונג אָדער צערגליעדערונג פון די פּראָצעסען פון דענקען. אַריס־טאָטעל האָט טאַקע גערופען זיין מייסטערהאַפטע נאָכפאָרשונג איבער די געזעצע פון דענקען „אַנאַליטיקס".

גיבט עס אָבער זאָ עטוואָס ווי אַ געזעץ פון דענקען? פון ערשטען בליק דאַכט זיך, אַז ניין. עס איז טאַקע אמת, אַז אַלע מענשען דענקען; אָבער יעדער איי־נער ווייס עס דאָך פון ערפאַהרונג, אַז ניט נור דענקען ניט אַלע גלייך, זאָנדערן אַז עס עקזיסטירען אַזוי פיעל פאַר־שיעדענע מיינונגען, פאַלשע מיינונגען, פּשוט משוגענע מיי־נונגען, איינבילדונגען, אַבערגלויבענס, א. ז. וו. ווען יעדער איינער וואָלט געדענקט נאָך די זעלבע געזעצע, וואָלטען דאָך, שיינט עס, אַלע באַדאַרפט קומען צו די זעלבע שליסע און איבערהויפּט איינשטימען.

אַ געזעץ פון דענקען מיינט דאָך אַ געוויסען נאַטור־געזעץ, אַזעלכען וואָס ליעגט אין אונז זעלבסט, אין אונזער אָרגאַניזם, און וואָס רעגולירט אונזער מאַרך אָדער בכלל אונזער דענקונגס־אַפּאַראַט, וואו ער זאָל זיך ניט געפונען, צי אין מוח, צי ערגעץ אין דעם געהיימניספולען אָרט, וואָס מען רופט „זעעלע" אָדער „נשמה".

אָבער ווען מען דרינגט אַריין טיעפער אין דיזען הויכען און וויכטיגען פילאָזאָפישען ענין, ווען מען פאַנגט אָן נעהענ־טער צו אַנאַליזירען, וואָס עס איז אַזוינס אַן אורטייל, ווי אַזוי מיר קריעגען פאָרשטעלונגען פון אַ זאַך, ווי אַזוי מיר רעזאָ־נירען, ווי אַזוי מיר ציהען אַ שלוס, דאַן זעהען מיר און מיר קענען גאָר ניט צווייפלען, אַז עס עקזיסטירען ווירק־ליך געזעצע פון דענקען, אַז מיר מוזען דענקען אַזוי און ניט אַנדערש, סיידען מיר ווילען אַבזיכטליך ציהען אַ פאַלשען שלוס און זיך פּשוט מאַכען משוגע.

למשל, ווען צוויי זאַכען זיינען גלייך צו אַ דריטער, זיינען זיי דאָך אַלע גלייך. אַזאַ שלוס, מוזט איהר

ציהען, אויב איהר זייט נור ביי'ם קלאָרען פאַרשטאַנד. דאָס איז עטוואָס, וואָס איז אויגענשיינליך, וואָס דאַרף גאָר ניט באַווייזען ווערען, דאָס איז וואָס מען רופט אַן אקסיאָמע (העברעאיש: מושכל ראשון). איהר קענט אפילו זאָגען, אַז דאָס איז גאָר ניט אַזוי, איהר קענט באַהויפּטען, אַז צוויי מאָל צוויי איז ניט פיער, נור אַ קוגעלטאָפּ, איהר קענט זיך רענקען, אַז עס עקזיסטירט טאַקע אַזאַ זאַך ווי אַ קיילעכדיגער פיער־עק, אָבער אפילו בשעת איהר זאָגט עס און דענקט אַזוי, ווייסט איהר פון דעסטוועגען, אַז דאָס איז פאַלש, אַז אַזעלכעס קען ניט זיין, אַז דאָס עקזיסטירט גאָר ניט. ווי אַריסטאָטעל האָט געזאָגט: „ניט־זיין איז דענקבאַר, אָבער דאָס מיינט ניט, אַז ניט־זיין עקזיסטירט טאַקע".

דאָס וואָס מענשען האָבען פאַרשיעדענע מיינונגען וועגען די זעלבע זאַכען, קומט דערפון, וואָס זיי רעזאָנירען ניט אויף דעם זעלבען שטייגער, לויט די זעלבע געזעצע, נור דערפון, וואָס זייערע אויסגאַנגס־פּונקטען זיינען ניט די זעלבע צוליעב פאַרשיעדענע אורזאַכען, אויף וועלכע מיר ווילען זיך דאָ דערווייליע ניט אָפּשטעלען. ווען אָבער מען שטימט איין וועגען אַ געוויסען פּונקט, דאַן מוז מען שוין אויך איינשטימען וועגען דעם שלוס, וואָס מען קען ציהען פון דעם דאָזיגען פונקט.

אַזוי פאָדערן די געזעצע פון אינפערענץ אָדער שלוס־פאָלגערונג און אַזוי איז עס טאַקע אין דער ווירקליכקייט.

אָט, למשל, בשעת איך האָב אָנגעפאַנגען דיזע לעקציע, האָב איך געמאַכט פאָלגענדע באַהויפּטונג: „מענשען אורטיילען, רעזאָנירען א. ז. וו. אויף אַ געוויסען שטייגער." דאָס איז אַן אורטייל, וואָס מיר ווילען רופען בלשון לאָגיק: פּרעמיס (העברעאיש: מאמר; רוסיש: פּאָסילקאַ). איז אָבער דיזע באַהויפּטונג אַ באַגרינדעטע? האָב איך דאָ ריכטיג גע־אורטיילט? אויב איהר זייט ניט איינפאַרשטאַנדען מיט מיר צוליעב אירגענד וועלכע גרינדע, דאַן צושיידען מיר זיך גלייך פון אָנפאַנג און מיר קענען שוין ווייטער ניט שטימען, זעלבסט־פאַרשטענדליך, וועגען די שליסע, וואָס מען קען ציהען פון דעם דאָזיגען אורטייל. אונזערע אויסגאַנגס־פּונקטען זיינען דאָ ניט נור אַנדערע, זאָנדערן פּשוט היפּך'דיגע, ענטגעגענגעזעצט. שטימען מיר אָבער דאָ איין, דאַן שטעהען מיר שוין אויף דעם זעלבען גרונד און מיר קענען רעזאָנירען ווייטער צוזאַמען ביז מיר קומען צו אַ באַשטימטען שלוס.

יעצט וויל איך מאַכען נאָך אַ באַהויפּטונג, נעמליך: „איך בין אַ מענש". דאָס איז ווידער אַן אורטייל, ווידער אַ פּרעמיס בלשון לאָגיק. דאָ קענען זיך אונזערע מיינונגען ווידער צושיידען. איהר קענט גאָר לייקענען, אַז איך בין אַ מענש. נור ווי באַלד איהר זייט איינפאַרשטאַנדען מיט מיר, אַז איך בין אַ מענש, דאַן מוזען מיר שוין ביידע קומען צום זעלבען שלוס, נעמליך: אַז איך אורטייל, רעזאָניר א. ז. וו. אויף אַ געוויסען שטייגער.

פון דיזען שלוס קענט איהר זיך שוין ניט אַרויסדרעהען, אויב איהר האָט נור אָנגענומען און אָנערקענט די ערשטע צוויי אורטיילען, ביידע פּרעמיסעס. דאָ האָבען מיר שוין אַ געזעץ פון דענקען, וואָס איז פּשוט אַ נאַטור־געזעץ. אַלעס איז דאָ געשלאָסען. און דאָס איז אַזאַ שלוס־פאָלגערונג, וואָס טראָגט אין דער לאָגיק דעם נאָמען, וועלכען אַריסטאָטעל האָט איהר געגעבען, נעמליך: סילאָגיזם (העברעאיש: היקש).

אום דאָס דייטליכער צו מאַכען, אום שטאַרקער און אויספיהרליכער צו באַווייזען די באַהויפּטונג, אַז מענשען רעזאָנירען אויף אַ געוויסען שטייגער, נאָך געוויסע געזעצע, וועל איך זיך אָפּשטעלען אויף פאָלגענדען ביישפּיעל:

איהר ווייסט, נאַטירליך, אַז איהר וועט אַמאָל שטאַרבען. איהר האָט גאָר ניט דעם מינדעסטען צווייפעל אין דעם. פון וואַנען קומט אָבער דיזע זיכערהייט אייערע? וואָס פיהרט אייך צו אַזאַ שלוס? ווען מען זאָל אייך אַ פרעג טאָן: ווי אַזוי זייט איהר געקומען צו אַזאַ ניט פרעהליכען שלוס פאַר אייך, און אויף וואָס אייגענטליך שטיצט איהר זיך אין דעם דאָזיגען גלויבען אייערן — וואָס וועט איהר ענטפערן?

איך האָב דאָ אונטערגעשריכען דעם וואָרט „גלויבען". ווייל נאָך אַלעמען איז עס דאָך ניט אַ פאַקט, וואָס אַנבעלאַנגט אייך פערזענליך, ווייל בשעת איהר זאָגט פאַראויס, אַז איהר וועט שטאַרבען, לעבט איהר דאָך נאָך. מיר וועלען שפּעטער זעהן, אַז יעדע באַהויפּטונג, יעדער אורטייל, יעדער פּרעמיס דריקט אויס אַ גלויבען, ווי דזשאָהן סטואַרט מילל ערקלערט עס גרינדליך אין זיין באַריהמטער „סיסטעם פון לאָגיק". אין דיזען פאַל וואַרפט עס זיך אין די אויגען, אַז אייער זיכערהייט וועגען אייער טויט איז באַגרינדעט נור אויף גלויבען.

אויף וואָס־זשע איז אָבער באַגרינדעט דיעזער גלויבען? וואָרום גלויבט איהר אַזוי פעסט, אַז איהר וועט אַמאָל שטאַרבען? אום צו געבען אַ קורצען ענטפער אויף אַזאַ פראַגע, וועלכע וועט אייך וואַהרשיינליך ערשטוינען מיט איהר אונגעוועהנליכקייט, טראַץ דעם וואָס עס האַנדעלט זיך וועגען אַזאַ געוועהנליכע זאַך, ווי דער טויט, וועט איהר מאַכען די באַהויפּטונג, אָדער פּשוט'ער גערעדט, זאָגען: די ערפאַהרונג האָט געלערנט, אַז ניט נור יעדער מענש, זאָנדערן אויך יעדע באַשעפענים, יעדער אָרגאַניזם מוז שליסליך שטאַרבען. דאָס איז שוין אַזאַ כלל, פון וועלכען עס זיינען נאָך קיין אויסנאַהמען ניטאָ.

(פאָרטזעצונג פאָלגט).

ווי קען מען זיין יעצט געזונד, אַז די גאַנצע סיסטעם איז קראַנק און צופוילט?

* * *

אונוויסענהייט און אָרעמקייט געהען געאָרעמט האַנד אין האַנד מיט דער קאַסע פון טוידט איבער זייער קאָפּ.

* * *

דער ערשטער שנעע, וואָס וועט אַרויספאַלען, וועט נאָך אַלץ פאַלען אויף אַן ערד, וואָס איז אַדורכגעווייקט פון די טרעהרען און בלוט פון די געפּייניגטע, ווייל קאַפּיטאַליזם האָט נאָך נישט אָפּגעטראָטען זיין אָרט פאַר זיין יורש סאָציאַליזם.

* * *

דער בעל־הבית פון זיין מיהל איז איבערציוגט, אַז די תבואות וואַקסען נור, כדי זיין מיהל זאָל נישט שטעהן לעדיג. — געטהע.

* * *

איך בין מיט מיין גאַנצען האַרצען געגען אַן אָרדנונג, וואָס צוטיילט די געזעלשאַפט אין צוויי פיינדליכע לאַגערען. איין טייל, וואָס אַרבייט ניט און פאַרמאָגט אַ סך, אַ צווייטער טייל, וואָס האָרעוועט און פאַרמאָגט גאָרנישט. — אלדזשערנאָן ליע.

* * *

אויב זי איז ווערטה צו זיין אייער פרוי און אַ מאַמע צו אייער קינד, פאַרוואָס זאָל זי אויך נישט זיין אייער פריינדין און אויך באַלאַנגען צום אַרבייטער־רינג?

* * *

דער סאָציאַליסט וואָס „וואַטשט": ס'איז אין עלעקשאָן טאָג ווי מצעהלט די שטימען, איז געגליבען צו איינעם, וואָס גיט איבערצוצעהלען זיין גאַנצן ביסעל פאַרמעגען, וואָס ער האָט אָנגעהאָרעוועט, צו באַוואוסטע שווינדלער און אַליין לעגט ער זיך שלאָפען.

* * *

**שטרעבענדיג איבערצובויען די געזעלשאַפט איז פאַר אייך דער איינציגער לאָגישער אויסוועג**

# אַ פּלאַט פון אַ ראָמאַן

פון יענטע סערדאצקי

אז מיר לייענען אַ וועלט־ראָמאַן אָדער אַ וועלט־דראַמא, זעהען מיר הויכע, שעהנע, פעסטגעבויטע העלדען, גראַציעזע, שלאַנקע און זיידען־געוויקעלטע העלדינען. זיי שטאַמען פון פרינצען, פון באַראָנען, פון פריצים. אַלע זיינען פול מיט מורא'דיגע מענשען. אין נאָמען פון ליעבע קעהרען זיי איבער קעניגרייכען, ציישטערען שטעדט, באגייסטערען צו גרויסע טאַטען, געהען דורך געפאַהרען, לאָזען זיך שיסען אָדער הענגען, און אַלץ אין'ם נאָמען פון דער הייליגער ליעבע.

וואו נעהמען די פאַרפאַסער די דאָזיגע העלדען מיט זייערע ווילדע מעשים? טראַכט מען זיי דאָס אויס פון קאָפּ? אויב יאָ, וואָלט דער לעזער דעם פאַרפאַסער קיינמאָל ניט מוחל געווען. כדי צו מאַכען שלום מיט'ן לעזער, וועל איך איהם ווייזען אַ פּלאַט פון אַ צוקינפטיגען ראָמאַן אָדער אַ דראַמא. ביי אונז אין שטאָדט האָט עס פּאַסירט.

---

זיי זיינען ביידע אַ פּאָר פאָלק אין עלטער פון דרייסיג יאָהר. ביידע זיינען קליינינקע, אַ סך, אַ סך נידריגער פון מיטעלען וואוקס. ביידע האָבען בלאָנדע האָר און גרויע אויגען. ער איז אַ שניידער און זי אַ שניידערין; ביידע אַרבייטען אין איין שאָפּ און זיי שפּאָרען געלד זיך איינצופיקסען אַ היים.

דאָס פּאָר פאָלק האָבען זיך באַגעגענט מיט דרייצעהן יאָהר צוריק; ביידע האָבען באַלאַנגט צו דער פּאַרטיי און ביידע זיינען געגאַנגען צו אַ דעמאָנסטראַציע אין רוסלאַנד נאָך. מען האָט אָנגעהויבען שיסען, האָבען זיי זיך געכאַפּט פאַר די הענד און זיינען אַנטלאָפען. ביידע זיינען דעמאָלט אַלט געווען צו זיבעצעהן יאָהר און — קליין געוואַקסענע — האָבען זיי אויסגעקוקט ווי קינדער.

זיי זיינען געלאָפען אַזוי ווייט ביז צו איהר שוועסטער'ס וואוינונג. אַ הויכע אַלטע הויז אין אַ גרויסער רוסישער שטאָדט, אין אָרימסטען קוואַרטאַל, פּונקט ווי אין די פּאַריזער ראָמאַנען. אויפ'ן זעקסטען פלאָר האָט געוואוינט די שוועסטער מיט'ן מאַן און דריי קליינע קינדער, אַ בוידעם־שטיבעל, אָרים און פינסטער.

אַביסעל שפּעטער, ווען די שוועסטער פון זעקסטען פלאָר, פון רוסלאַנד, מיט איהר פאַמיליע האָט שוין געוואוינט דאָ אין אַמעריקע, ביי אונז אין שטאָדט, אויך אויף אַ הויכען פלאָר, זיינען זיי, אונזערע העלדען, אָנגעקומען אַהער, און האָבען זיך אַריינגעצויגען צו דער שוועסטער אין אַ צימער.

זייער לעבען איז אַ גאַנץ רוהיגער. זיי האָבען זיך ליעב. ביידע אַרבייטען אין איין שאַפּ, עסען צוזאַמען דינער, פאָהרען צוזאַמען פון דער אַרבייט אַהיים, עסען סאַפּער, לייענען ביכער, געהען אין טעאַטער אָדער צו אונטערנעהמונגען, אַלץ ביידע צוזאַמען.

אַזוי זיינען זיך ביי זיי פאַרלאָפען עטליכע יאָהר.

ניט אונגעפעהר אַ יאָהר צוריק איז געקומען אַ יונגערמאַן פון אַן אַנדער שטאָדט. דער יונגערמאַן איז זייערער אַ לאַנדסמאַן, האָט ער זיך איינגעקוואַרטירט ביי איהר שוועסטער אין הויז, אין זעלבען הויז וואו זיי האָבען געוואוינט.

דער יונגערמאַן איז ניט פיעל גרעסער אין וואוקס ווי אונזער העלד. עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז ער איז אויך דעמאָלט אַנטלאָפען פון דער זעלביגער שיסעריי. נאָר אַנשטאַט איהם זאָל זיך אָפּשטעלען פון די גרויסע פּאַסירונגען אַ לעבענס־חבר, האָט זיך ביי איהם אָפּגעשטעלט אַ אונהיילבאַרע, האָפנונגסלאָזע קראַנקהייט, אַ פוילקייט און אַ ווידערווילען צו אַרבייטען.

דער יונגערמאַן איז אַלץ וואָס אין קאָרט. ער איז פויל און [illegible] אָן פאַרדאַרבען און האָט ליעב גוט צו עסען און צו [illegible]. און אַזוי ווי דורך עהרליכע מיטעל קריגט מען קיין זאַך ניט אומזיסט, אַהרט איהם ניט צו קריגען דאָס דורך ניט עהרליכקייט. דאָס ערשטע זוכט ער צו געפינען חן און דעם קאָפּ פאַרדרעהען די ווייבער. און אַזוי האָט ער אין אַ קורצער צייט געפונען חן אי ביי אונזער העלדין, אי ביי דער שוועסטער, אי ביי די מומעס, ביי די קוזינעס, אפילו ביי די „נעקסטדאָריגע".

און דאָ הויבט זיך אָן די טראַגעדיע. זי, אונזער העלדין, האָט זיך פאַרליעבט אין „אינטריגאַנט" און אַזוי ווי זי איז אַ גוטע אַרבייטערין און דאָס אָפּגעשפּאָרטע געלד איז אַ העלפט געווען אויף איהר נאָמען, האָט זי אַרויסגענומען דאָס געלד און זיי זיינען ביידע אַנטלאָפען אין אַנאַנדער שטאָדט.

זאָלען מיר לאָזען אונזערע אַנטלאָפענע העלדען אַרומפאָהרען איבער שטעדטלאַך און שטעדט, כל־זמן זיי האָבען געלד, זאָלען זיי הנאה האָבען פון זייער לעבען, און זאָלען מיר זיך נעהמען צו אונזער אָפּגענאַרטען העלד.

זיין קליינע, דינע פיגור איז געוואָרען איינגעקאָרטשעט, די קליינע הענטלאַך ציטערען איהם שטענדיג און די גרויע אויגען זיינען אומרוהיג און שיסען מיט פייער.

די אַרבייט אין שאַפּ האָט ער געוואָרפען: דער קאָפּ איז ניט צום אַרבייטען. ער לעבט אויף דאָס אָפּגעשפּאָרטע ביסעל געלד, וועלכע איז פאַרבליבען אויף זיין טייל, פון דער שוועסטער האָט ער אַרויסגעמופט, ווייל זי איז אויף א י ה ר זייט און פאַרטיידיגט די „הייליגע ליעבע".

ער האָט אַריינגעצויגען צו אַ מאַמען אין אַ קליינעם פינסטערען צימער, אָבער ער זעהט דעם צימער ווייניג אָן. גאַנצע טעג שפּאַצירט ער אַרום איבער גאַסען און פּאַרקס. זיין קאָפּ איז פול מיט פּלענער פון ראַכע, זיין האַרץ איז פול באַליידיגונג און כעס.

די אָבענדען ביז שפּעט אין דער נאַכט איז פאַרטאָן אין שרייבען. ער שרייבט זיינע האַרצענס־לײדען אי צום „בינטעל בריעף", אי צו אַנדערע אידישע צייטונגען, וואו עס איז נאָר פאַראַן אַן אָפּטיילונג וואָס רעדט צום האַרץ. די גרויזאַמע צייטונגס־לייט אײלען זיך איהם ניט צו ענטפערען און ער שרייבט און שרייבט.

---

די לעצטע צייט, מיט אַ פּאָר וואָכען צוריק, איז געקומען פון א י ה ר אַ בריעף, אַז ז י י וואוינען אין דער און דער שטאָדט.

דער בריעף האָט באַדאַרפט זיין אַ סוד; נאָר די שוועסטער האָט עס דערצעהלט דער מומען, און די מומע האָט שוין לאַנג ניט געקענט צוזעהן זיינע לײדען, ווי ער שרייבט גאַנצע נעכט און ברענט די געז, האָט זי דאָס איהם אויסגעזאָגט. און דאָ איז ער אַנאַנדערער געוואָרען, זיין קליינע פיגור איז גלייך און ווי גרעסער געוואָרען, די הענד ציטערען נאָך מעהר און די אויגען שפּריצען פלאַם־פייער.

די בריעף אין די רעדאַקציעס האָט ער אויפגעהערט שרייבען. אַנשטאַט דעם האָט ער געקויפט אַ רעוואָלווער, ער לערנט זיך שיסען, און ער קלייבט זיך פאָהרען נעהמען ראַכע פון ביידען אין יענער שטאָדט.

הימעל, היט אונזערע העלדען!

---

און איצט, אַז איך אָדער אַנאַנדער שרייבער וועט דאַרפען שטאָף פאַר אַ וועלט־ראָמאַן אָדער פאַר אַ וועלט־דראַמא, וואו עס זאָל קאָכען מיט ליעבע, מיט לײדענשאַפט, מיט אײפערזוכט, האַס און ראַכע, אַ ראָמאַן מיט מורא'דיגע פּאַסירונגען, אומגעוואָרפענע קעניגרייכען, צושטערטע שטעדט, געשאָסענע העלדען, אינטריגאַנטען, גוטע און שלעכטע זייטיגע מענשען, און אַזוי ווייטער, וועלען מיר — איך אָדער אַנאַנדער שרייבער — נעהמען אָט די פּאַסירונג, אָט דאָס פּאָר פאָלק מיט איהר משפחה, און מיר וועלען מאַכען פון זיי דאָס ווערק.

און איהר, הארציגער לעזער, ביים לייענען דאָס ווערק, זאָלט איהר קוועטשען מיט די פּלייצעס און אויסרופען: „גוטער גאָט, וואָס פאַר ליגנער עס זיינען דאָס די שרייבער"!

# דער פּראָגרעס פון וויסענשאַפט און טעכניק

## די אָנווענדונג פון עלעקטריציטעט אין אַגריקולטור

פון לאַזאַר סאַמאָילאָוו

עס איז דאָ אַזאַ וויסענשאַפט, וואָס רופט זיך פ י ז י אָ ל אָ ג י ע. דאָס איז די וויסענשאַפט וועגען די לעבענס־פּראָצעסען, וואָס קומען פאָר אין די קערפּערס פון לעבעדיגע באַשעפענישען און פלאַנצען. און דאָך, ניט קוקענדיג דערויף וואָס מיר האָבען אַזאַ וויסענשאַפט, ווייסען מיר זעהר ווייניג וועגען דעם, ווי אַזוי און פאַרוואָס דיעזע פּראָצעסען קומען פאָר. עס האָט זיך נאָר איינגעגעבען אויסצוגעפינען אייניגע, אַ גאַנץ באַגרענעצטע צאָהל באַדינגונגען, ביי וועלכע געוויסע פיזיאָלאָגישע פּראָצעסען קומען פאָר, אָבער ווי אַזוי און פאַרוואָס דאָס קומט פאָר אַזוי — דאָס ווייסען מיר ניט.

מיר ווייסען, אַז כמעט אַלע לעבעדיגע באַשעפענישען און כמעט אַלע פלאַנצען נויטיגען זיך אין זונענשיין פאַר זייער ענטוויקלונג; מיר ווייסען, אַז די ראָלע פון זונענשיין אַלס פיזיאָלאָגישער פאַקטאָר איז זעהר אַ גרויסע, אָבער ווי אַזוי און פאַרוואָס די שטראַהלען פון דער זון ווירקען אויף די צעלען פון לעבעדיגע אָרגאַניזמען — דאָס ווייסען מיר ניט. מען האָט אויך באַמערקט, אַז עלעקטריציטעט אין אַ געוויסער פאָרמע האָט זעהר אַ גוטע ווירקונג אויף דעם וואוקס און ענטוויקלונג פון פלאַנצען, אָבער ווי אַזוי און פאַרוואָס דאָס קומט פאָר אַזוי — דאָס ווייסען מיר ניט. עס איז זעהר מעגליך, אַז די ווירקונג פון עלעקטריציטעט און די ווירקונג פון זונענשיין אויף פלאַנצען איז איינע און די זעלבע, ד. ה. אַז די ווירקונג פון דער זון אויף די פלאַנצען איז פון עלעקטרישען כאַראַקטער.

און וועגען דיעזער טעאָריע האָט זיך מיר געוואָלט זאָגען אַ פּאָר ווערטער.

ווען די זון שיינט פאַרשפּרייט זי פון זיך שטראַהלען פון ליכט. די טעאָריע וועגען דער ערשיינונג פון ליכט, ווי זי עקזיסטירט ביי היינטיגען טאָג, איז אַזאַ. די גאַנצע וועלט — לויטעט דיעזע טעאָריע — איז אָנגעפילט מיט אַזאַ זעהר דינעם מאַטעריאַל, וועלכען מען רופט „ע ט ה ע ר“. ווען דיעזער עטהער געפינט זיך אין אַ רוהיגען צושטאַנד, דריקט ער זיך מיט קיין זאַך ניט אויס. אָבער ווען ער פאַנגט זיך אָן צו באַוועגען אין דער פאָרמע פון כוואַליעס, דאַן דריקט ער זיך אויס אין דער פאָרמע פון ל י כ ט און ע ל ע ק ט ר י צ י ט ע ט.

לאָמיר דאָס ערקלעהרען:

שטעלט זיך פאָר, אַז איהר געפינט זיך אין אַ גאַנץ פינסטערען צימער. פלוצים רייבט איהר אָן אַ שוועבעלע; דאָס שוועבעלע צינדט זיך אָן, און עס ווערט ליכטיג. צו דערצעהלען אויף דעם וויסענשאַפטליכען לשון וואָס דאָ איז פאָרגעקומען, וועט עס הייסען אַזוי. ווען איהר האָט אָנגעריבען דאָס שוועבעלע, האָט זיך דאָס קעפּעל פון שוועבעלע אָנגעוואַרימט (רייבונג ענטוויקעלט שטענדיג וואַרימקייט) און עס איז געוואָרען אַ פלאַם. אַ פלאַם שטעלט מיט זיך פאָר אַ געוויסען כעמישען פּראָצעס, וואָס עס קומט פאָר מיט דעם קעפּעל פון שוועבעלע נאָכדעם ווי עס האָט זיך אָנגעוואַרימט ביז אַ געוויסער שטופע. דיעזער פלאַם, אָדער דיעזער כעמישער פּראָצעס, האָט די פעהיגקייט צו ברענגען דעם עטהער (וועלכער געפינט זיך איבעראַל) אין אַ באַוועגונג אין דער פאָרמע פון כוואַליעס, אַ שטייגער ווי עס ווערען קליינע כוואַליעס אויף דער אויבערפלעכע פון אַ שטילען וואַסערעל, ווען מען וואַרפט אויף דעם אַ שטיינרעל. ווען דיעזע עטהער כוואַליעס דערגרייכען אונזערע אויגען צורייצען זיי דאָרטען געוויסע נערוועו, און דעריבער ד ע ר־ שפּ י ר ע ן מיר די עטהער כוואַליעס, וואָס פאַרשפּרייטען זיך פון פלאַם, און אויף אונז מאַכט עס דעם איינדרוק, דאָס מיר ז ע ה ע ן דעם פלאַם.

ווי אַזוי זשע זעהען מיר די ווענט און די איבריגע זאַכען וואָס געפינען זיך אין זעלבען צימער? דאָס איז דערפאַר, ווייל אַ טייל פון די כוואַליעס פאַלען אויף די ווענט (און אויף די איבריגע זאַכען), שפּרינגען אָפּ צוריק, ווי ראָבערנע באַלכלעך, און ווען דיעזע אָפּגעשפּרונגענע עטהער־כוואַליעס פאַלען אַריין און צורייצען די נערוועו אין אונזערע אויגען, מאַכט עס אויף אונז דעם איינדרוק, ווי די כוואַליעס זאָלען קומען פון די ווענט גופא, און דאַן ד ע ר ש פּ י ר ע ן מיר, אָדער מיר ז ע ה ע ן די ווענט.

מיט דער הילף פון געוויסע אַפּאַראַטען און אינסטרומענטען האָט מען אויסגעפונען, אַז די שטראַהלען, וואָס פאַרשפּרייטען זיך פון דער זון, שטעלען מיט זיך פאָר אַ מישונג פון אַ סך פאַרשיעדענע שטראַהלען פון פאַרשיעדענע קאָלירען. עס זיינען דאָ שטראַהלען רויטע, געלע, וויאָלעט א. ז. וו. די נאַטור פון יעדען מין שטראַהל איז די זעלבע, דער אונטערשיעד באַשטעהט נאָר אין פאָלגענדעס. מיר רעדען דאָך דאָ וועגען כ וו אַ ל י ע ס פון עטהער, און כוואַליעס קענען זיין אי גרעסערע אי קלענערע, פּונקט ווי עס קענען זיין גרעסערע און קלענערע כוואַליעס אויפ'ן ים. ווען די כוואַליעס זיינען קלענערע, מאַכען זיי אויף אונז דעם איינדרוק פון איין קאָליר, און ווען די כוואַליעס זיינען גרעסערע, מאַכען זיי אויף אונז דעם איינדרוק פון אַ צווייטען קאָליר. עס איז אויסגערעכענט געוואָרען, צ. ב. ש., דאָס יענע עטהער כוואַליעס, וואָס די דיק פון יעדער כוואַליע איז ניט גרעסער ווי 16 מיליאָנטלאַך פון אַן אינטש, מאַכען זיי אויף אונז דעם איינדרוק פון וויאָלעט קאָליר; יענע כוואַליעס, וואָס זייער דיק איז ניט גרעסער ווי 22 מיליאָנטלאַך פון אַן אינטש — מאַכען זיי דעם איינדרוק פון גרינעם קאָליר; יענע, וואָס זיינען ניט דיקער פון 26 מיליאָנטלאַך פון אַן אינטש, מאַכען דעם איינדרוק פון רויטען קאָליר א. ז. וו. הייסט עס, אַז פון דער זעלבער זון קומען אַרויס שטראַהלען, אָדער כוואַליעס פון עטהער, פ ו ן פ אַ ר ש י ע ד ע נ ע ר ג ר ו י ס.

און דאָס איז פאַר אונז זעהר וויכטיג צו ווייסען.

דאָס איז פּונקט נומער איינס. און פּונקט נומער צוויי וועט זיין פאָלגענדער.

מיט דער הילף פון דראָטלאָזער טעלעגראַפיע קען מען אַריבערשיקען טעלעגראַמען פון איין פּונקט צו אַ צווייטען, ווען דיעזע צוויי פּונקטען זאָלען זאָגאַר ניט זיין צווישען זיך פאַרבונדען מיט וועלכע עס איז מאַטעריעלע, אָדער זעהבאַרע, וועגען אָדער מיטלען. די איינריכטונג, וואָס פאָדערט זיך אַריבערצושיקען אַזעלכע טעלעגראַמען, שטעלען מיט זיך פאָר עטליכע דראָטען, וואָס הענגען אין דער לופטען צווישען צוויי הויכע שטאַנגען אָדער מאַסטעס. דיעזע דראָטען זיינען פאַראייניגט מיט אַן עלעקטרישען אַפּאַראַט, וואָס געפינט זיך אין אַ צימער. דער אַפּאַראַט איז אַזאַ, וואָס קען שאַפען עלעקטרישע פונקען. ווען מען דריקט אַ געוויסען קנאָפּ, פליהט דורך אַ פונק צווישען צוויי טיילען פון אַפּאַראַט, און צו דער זעלבער צייט פאַרשפּרייטען זיך די דראָטען, וואָס הענגען אין דרויסען צווישען די מאַסטעס, עלעקטרישע כוואַליעס. דיעזע עלעקטרישע כוואַליעס קענען מיר ניט זעהען און ניט פיהלען מיט וועלכע עס איז אַנדערע חושים, עס זיינען אָבער דאָ אַזעלכע אַפּאַראַטען, וואָס קענען דיעזע כוואַליעס דערשפּירען אָדער אויפכאַפּען. און אויף דעם, וואָס איין אַפּאַראַט קען אויפכאַפּען די עלעקטרישע כוואַליעס, וואָס פאַרשפּרייטען זיך פון צווייטען אַפּאַראַט, איז געבויט די קונסט פון דראָטלאָזער טעלעגראַפיע.

אָבער וואָס זיינען די עלעקטרישע כוואַליעס? דיעזע כוואַליעס שטעלען מיט זיך פאָר ניט מעהר און ניט ווייניגער ווי כוואַליעס פון עטהער. דאָס זיינען די זעלבע עטהער כוואַליעס, וואָס ערשיינען פאַר אונז אין דער פאָרמע פון ליכט. דער אונטערשיעד איז נאָר, וואָס די עטהער כוואַליעס, וואָס דריקען זיך אויס אין ליכט, זיינען אַזוי קליין, אָדער דין, דאָס זיי ווערען געמאָסטען אין מיליאָנטלאַך פון אַן אינטש, און די עלעקטרישע

כוואַליעס, וואָס שפּיעלען די הויפּט־ראָלע אין דראָטלאָזער טעלעגראַפיע, זיינען אַזוי גרויס, אָדער דיק, דאָס זיי ווערען געמאָסטען אין פוס. אַן עלעקטרישע כוואַליע קען זיין 3, 5, 10 און מעהר פוס די גרויס.

אָבער די נאַטור פון די עלעקטרישע כוואַליעס און פון ליכט־שטראַהלען איז די זעלבע. דער גאַנצער אונטערשיעד איז נאָר אין דער גרויס פון די כוואַליעס. און פריהער איז דערוויזען געוואָרען, אַז פון דער זון פאַרשפּרייטען זיך כוואַליעס פון פאַרשיעדענער לענג. און אויב די גרויס פון די עטהער כוואַליעס, וואָס פאַרשפּרייטען זיך פון דער זון, זיינען פאַרשיערען, האָבען מיר ראָך אַ גרונד צו דענקען אַז צווישען זיי אַלע זיינען דאָ אַזעלכע, וואָס קענען געמאָסטען ווערען אין גאַנצע פיס, און ניט נאָר אין קליינע טיילען פון אַן אינטש. אָבער עטהער כוואַליעס, וואָס קענען געמאָסטען ווערען אין פוס, זיינען דאָך אייגענטליך עלעקטרישע כוואַליעס, דעריבער האָבען מיר אַ גרונד צו דענקען, אַז די זון פאַרשפּרייט פון זיך אַי ליכט־שטראַהלען אַי עלעקטרישע כוואַליעס.

די שטראַהלען פון דער זון זיינען נויטיג פאַר די פיזיאָלאָגי־שע פּראָצעסען, וואָס קומען פאָר אויף דער ערד. אָבער וועלכע שטראַהלען — די, וואָס דריקען זיך אויס אין ליכט, אָדער די פון עלעקטריציטעט, — דאָס וועט מוזען ענטשיידען די וויסענשאַפט. דערווייַלע ווייסען מיר נאָר, אַז עלעקטרישע כוואַליעס, וואָס פאַרשפּרייטען זיך איבער גערטנער און פעלדער פון דראָטען אויף דעם זעלבען אופן ווי אין דעם פאַל פון דראָטלאָזער טעלעגראַפיע, האָבען אַ געוויסע גוטע ווירקונג אויף די פלאַנצען, וואָס וואַקסען אויף דיעזע פעלדער, און דיעזע ווירקונג איז עהנליך צו דער ווירקונג פון די שטראַהלען, וואָס קומען פון רער זון, כאָטש אין אַ קלענערען מאַסשטאַב.

פאַראַיאָהרען האָט מען אין ענגלאַנד געמאַכט עקספּערימענטען. מען האָט פאַרפלאַנצט אַ גאָרטען, אין וועלכען מען האָט אויך איינגעגראָבען סלופּעס, צווישען וועלכע מען האָט אָנגעצויגען קופּערנע דראָטען. דורך דיעזע דראָטען האָט מען געלאָזט פליסען אַן עלעקטרישען שטראָם פון אַ הויכער אָנשטרענגונג מיט אַזאַ חשבון, אַז די דראָטען זאָלען פאַרשפּרייטען פון זיך עלעקטרישע כוואַליעס. די עלעקטריציטעט פליסט איבער די דראָטען ניט שטענדיג, נאָר אַ פּאָר שטונדען אין מעת־לעת, הויפּטזעכליך ביינאַכט. ווען איינער געהט פאַרביי נאָהענט צו אַזוינע דראָטען, פיהלט ער אויפ'ן פּנים און צווישען די האָר אַ מאָדנעם געפיהל, ווי מען זאָל איהם אָנריהרען מיט שפּינוועבאַכץ. מיט וואָס דיעזע עקספּערימענטען האָבען זיך געענדיגט, וועלכע רעזולטאַטען מען האָט דורך דעם עררייכט, איז מעהר ניט באַוואוסט. אָבער ניט לאַנג צוריק איז געקומען פון פראַנקרייך אַ באריכט, אַז דאָרטען האָט מען אויך געמאַכט עהנליכע עקספּערימענטען, און זיי האָבען געגעבען זעהר גוטע רעזולטאַטען. אַזעלכע פלאַנצען, ווי פּאָטייטאָס, בוריקעס, טאָמייטאָס און אַנדערע האָבען זיך צואוואַקסען פון 20 ביז 50 פּראָצענט גרעסער אין סייז, ווי אָהן די עלעקטרישע טריטמענטס. זעהר וויכטיג דערביי איז אויך דאָס, וואָס די זעלבע עלעקטרישע טריטמענטס פאַרניכטען די ווערים, וואָס מאַכען קאַליע אַזוי פיעל גערטנער פּראָדוקטען. און עהנליכע רעזולטאַטען זיינען אויך עררייכט געוואָרען אין באַזונדערע קלענערע פעלע אין די פאַראייניגטע שטאַאטען. עס איז דארום קיין צווייפעל ניט, אַז אין גיכען וועט די עלעקטרישע טריטמענט פון פעלדער און גערטנער ווערען אַלוועלטליך פאַרשפּרייט.

# די „שפּאַנישע“ אינפלוענציא

פון דר. י. ב. סאַלאַמאַנדרא

די אינפלוענציא איז אַזוי אַ שפּאַנישע חולאת ווי כינא (קוויניין) איז אַ כינעזישע רפואה. מיט אַ פינף און צוואַנציג יאָהר צוריק האָט מען איהר גאָר גערופען די „רוסישע“ אינפלוענציא. דאָס נעמט זיך דערפון, וואָס אין די עפּידעמיע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבען אין אייראָפּא אין 1889, מיט־קנאַפּע דרייסיג יאָהר צוריק, איז רוסלאַנד געווען די ערשטע וועלכע האָט געמאַכט די התחלה (בוכארא, טאָמסק, און אפילו אויך אַטהאַבאַסקא אין נ. וו. קענערע). דיעזען מאָל האָט דעם אָנפאַנג געמאַכט שפּאַניען און מיר טיילען דאריבער א י ה ר צו דעם „כבוד“.

אין דער אמת'ן איז אינפלוענציא נישט וועניגער אינטערנאַציאָנאַל, ווי די צימערוואַלדיסטען אַליין. זי האָט ליעב דעם שפּאַניער ווי דעם נאָרוועגער, דעם ענגלענדער ווי דעם אינדיער, דעם פראַנצויז ווי דעם דייטש, דעם אַמעריקאַנער ווי דעם איטאַליענער. זי איז אויך נישט קיין נייע מ אָ ד ע ר נ ע קראַנקהייט, ווי אַנדערע דענקען. דיעזע קראַנקהייט ווערט נאָך באַשריבען פון דאָקטוירים אין אַ ל ט ע ר ט ו ם. זי פלעגט גאַנץ אָפּט אָפּשטאַטען אַ וויזיט, אַרומשפּאַציערען עטליכע צעהנדליג יאָהר איבער'ן ערד־קוגעל און דאַן פאַרשווינדען אויף עטליכע צעהנדליג יאָהר אום דערנאָך ווידער צו קומען, אָפּטמאָל מיט טויטליכערער ווירקונג.

פון גרויסע עפּידעמיעס אין אייראָפּא זיינען פאַרצייכענט די פון די יאָהרען 1403, 1427, 1557, 1580, 1676, 1703, 1732, 1737, 1762, 1782, 1787. זיי האָבען זיך אפילו נישט דערי[illegible]ען פאַר דעם נייעם גייסט פון דער פראַנצויזישער רעוואָ[illegible] זיין האָבען זיך גענומען מיט מעהר פרישקייט אין דער [illegible] פון דעם ניינצעהנטען יאָהרהונדערט. אַ שטאַרקער אוי[illegible] איז פאָרגעקומען אין דעם יאָהר 1803, שפּעטער אין יאָה[illegible] 18[illegible] און אין פינף יאָהר שפּעטער אין 1837.

אין צעהן יאָהר שפּעטער איז ווידער געווען אַן אויסערגעוועהנליכער אויסברוך, וועלכער האָט אָנגעהאַלטען אַ יאָהר דריי. אָבער דערפאַר איז שפּעטער שטיל געוואָרען. פון צייט צו צייט פלעגט אויסברעכען אַ לאָקאַלע אונבאַדייטענדע עפּידעמיע, אָבער עס איז שוין נישט געווען דאָס, וואָס עס איז אַמאָל געווען. עטליכע צעהנדליג יאָהר זיינען אַוועק און ס'האָט זיך געדוכט, אַז די ציוויליזירטע וועלט איז שוין פּטור פון אַזעלכע געסט ווי כאָלערא, טיפוס, אינפלוענציא א. אַ. וו. אָבער דער לעצטער פערטעל פון דעם ניינצעהנטען יאָהרהונדערט האָט אַלעמען צוריק אַריינגעוואָרפען אין ענטוישונג. איבערהויפּט האָט די אינפלוענציא פון 1889-1890 אָנגעמאַכט אַן אמת'ן חורבן אויף דער וועלט. אנשטאַט דעם, וואָס אַמאָל איז די אינפלוענציא געפאָהרען מיט'ן שאָסע, לאַנגזאַם און עס האָט געדויערט יאָהרען ביז זי האָט אינגאַנצען אַדורכגעשפּאַצירט אַן ערד־טייל, איז זי שוין אָבער י ע צ ט געפאָהרען מיט דער אייזענבאַהן און מיט'ן דאַמף־שיף, אַזוי דאָס זי האָט אין פאַרלויף פון 15 הדשים געמאַכט א רייזע אַרום רעם גאַנצען ערד־קוגעל און האָט קיין איין מדינה נישט אַדורכגעלאָזט. אין יעדען אָרט איז זי געשטאַנען צו גאַסט נאָר אַרום 4—6 וואָכען, אָבער פאַר דיעזער קורצער צייט איז איהר פון דעסטוועגען געלונגען אַרויסצורייסען צעהנדליגע טויזענדער מענשען פון די לעבעדיגע און האָט געוואָרפען צו בעט צעהנדליגע מיליאָנען. אַזוי זיינען אין פ ע ט ר ב ו ר ג, וו א ר ש אָ, ב ו ד אַ פ ע ס ט, ה ע ל י ג אָ ל א נ ד, פ ע ק י ן אַרום 50 פּראָצענט פון די גאַנצע באַפעלקערונג קראַנק געווען. אין נ ו ר ע מ ב ע ר ג אַרום 67 פּראָצענט, אין אַנדערע פּראָווינצען אין ד י י ט ש ל אַ נ ד אַרום 75 פּראָצענט. אין ג א ע ט א 77 פּראָצענט און אין פּ אָ ר ט ו ג א ל 90 פּראָצענט.

די עפּידעמיע האָט זיך געצויגען אויך דורך די יאָהרען

1890 און 1891 און אויך נאָך אין א גרויסען טייל פון 1892 און פון דאַן אָן האָט זי נישט אויסגעבראָכען מיט אזא ווילדקייט, ווי דיעזען מאָל, כאָטש עס שטאַרבען אפילו אין געוועהנליכע יאָהרען טויזענדע מענשען א יאָהר פון דיעזער קראַנקהייט און הונדערטע טויזענדער ווערען דערפון סראַנק אויף עטליכע טעג.

דיעזען מאָל פליהט שוין די עפּירעמיע מיט דער שנעלקייט פון פ ל י ה ־ מ א ש י ן. אין אייניגע מאָנאַטען צייט האָט זי אַדורכגעמאַכט כמעט אַלע ווינקעלאך פון ערר־קוגעל. די לעצטע באַריכטען זיינען פון ארגענטיניען, אז רי מגיפה מאַכט דאָרט אָן א חורבן.

דער נאָמען פון דער קראַנקהייט „אינפלוענזא" איז פון א י ט א ל י ע נ י ש ע ן. עס מיינט א י י נ פ ל ו ס. אין זיבעצעהנטען יאָהרהונרערט, ווען די מגיפה האָט געבושעוועט אין איטאַליען, האָט מען עס צוגעשריעבען צו דער ווירקונג און איינפלוס פון די שטערען. רערפון נעמט זיך דער וואָרט אינפלוענזאַ, אָדער אינפלוענציא. מ'רופט עס אויך לאַ־גריפּ, אָרער אזוי פּשוט גריפּ. עס ווערט פאַראורזאַכט פון א זעהר קליינטשיקען מיקראָב, וואָס איז שווער באמערקט צו ווערען אין די בעסט־ענטוויקעלטע מיקראָסקאָפּען. ער כאַפּט זיך אריין דורך אנשטעקונג אין די אָטהעם־קאַנאַלען און רופט דאָרט ארויס קאַטאַרען און אנציגדונגען. ביז די לעצטע צייט איז עס נישט געלונגען ג ע נ ו י צו אידענטיפיצירען דעם מיקראָב און אויסגעפינען געהעריגע מיטלען ווי אזוי צו באַקעמפען איהם, כאָטש פאַרשיעדענע טאַקסינען און איינשפּריצונגען זיינען געברויכט געוואָרען אין קאַמף מיט דיעזען פּגע־רע און פיעל מאָל ערפאָלגרייך. לעצטענס איז באַריכטעט געוואָרען, אז פראַנצויזישע דאָקטוירים אין טונים האָבען גענוי אידענטיפיצירט די באַציל און האָבען אויסגעאַרבייט אַן אַנטי־טאַקסין, וואָס ווערט געברויכט מיט גרויס ערפאָלג. אין פאַרשיעדענע אַנרערע ערטער האָט מען יעצט גענומען געברויכען אַנטי־טאַקסינס, אָבער צוליעב דער מ?רא'דיגער צאָהלרייכקייט פון דער עפּידעמיע און צוליעב דער אונפאָרבערייטקייט פון די באָארדס אף העלטה אויף די ערטער קען מען זיך אין די גרעסטע טייל פאַלען מיט דעם נישט באַנוצען.

די סימפּטאָמען זיינען אין א גרויסע צאָהל פאַלען איינע און די זעלבע: פלוצלינג, ווי פון עלער־הויט, הויבט אָן צו „ברעכען" דער רוקען און צו שטעכען אין די זייטען אָדער אין די לענדען. אָפטמאָל הויבט גלייך אויך אָן צו נודיען, עס ווילט זיך ברעכען און עס כאַפּט אָן אַן אַלגעמיינע נישטגוטקייט מיט קאָפּ־וועהטאָג פון ערגסטען סאָרט. דער קראַנקער ווייס, אז אָט מיט עטליכע מינוט צוריק האָט ער געפיהלט גוט און געזונד און ער קען גאָרנישט פאַרשטעהן וואָס איז עס איהם מיט אמאָל געוואָרען. ער וויל זיך ווידער נעמען צו דער אַרבייט, אָבער אומזיסט — עס געהט נישט. עס הויבט איהם אָן צו שוידערען פון קעלט און וואַרפען אין היץ, אָפטמאָל כאַפּט גיסען פון נאָז און פון די אויגען. עס נעמט אַרום עפּעס א מאָדנע שרעק און באַהאָלפענקייט. א ל ע ס הויבט אָן וועה צו טון, די אויגען קענען זיך אָהן שטעכעריגע, פּיינליכע שמערצען נישט א קעהר טון. אַנדערע ווערען אזוי נערוועז און פול מיט ציטערניש, אז זיי הויבען אָן צו וויינען ווי קליינע קינדער און בעטען זיך מ'זאָל זיי ראַטעווען. דאַגעגען טרעפען אַנדערע מילדע אַנגריפע, וואו דער קראַנקער ווייס אפילו נישט, אז אזא מחבל איז יעצט אָנגעפאַלען אויף איהם און טוט זיך ווייטער זיין אַרבייט, כאָטש ער פיהלט, אז ער איז עפּעס נישט מיט אַלעמען און ער האָט א „קאַלט". אָט דיעזער סאָרט „געזונטער" קראַנקער איז פיעל געפעהרליכער פאַר דער געזעלשאַפט אַרום איהם ווי דער קראַנקער, וועלכער גליהט שוין ווי א פייער אין א טעמפּעראַטור פון 104 גראַר (פאַהרענהייט) אָדער מעהר. אַרומגעהענדיג און פאַרקעהרענדיג אין שאַפּ, אָדער ביזנעס, טיילט דערווייליע אונזער „געזונטער" קראַנקער איין יעדען איינעם צו וועלכען ער ריהרט זיך צו מיט א גוטער מתנה. עס קען גריילך זיין, אז אויף איהם האָבען די מיקראָבען קיין שטאַרקע שליטה נישט און קענען איהם נישט איינברעכען, אָבער איבערגעהענדיג פון איהם צו אַן אַנדערען קענען זיי זיין גאַנץ פאַטאַל, אויב זיי געפינען ראָרטען א פּאַסענדען באָדען פאַר זייער אַטאַקע. אַמגרינגסטען קענען די אָפּגעשוואַכטע און אויסגעמוטשעטע פאַלען פאַר א קרבן, ווייל זייער ווידערשטאַנדס־קראַפט איז נישט גרויס אָפּצוהאַלטען די אַטאַקע. די אינפלוענציא קען אָבער אויך אַטאַקירען שטאַרקע און אויסגערוהטע, געזונטע און יונגע און קען זיי טאַקע אויך אָפט בייקומען אַרויפוואַרפענדיג זיך אויף זיי מיט איהר גאַנצער ברוטאַלער ווילדקייט. אין דעם פּרט איז זי נישט נאָר אינטערנאַציאָנאַל, נאָר אויך ר ע מ אָ ק ר א ט י ש. עס איז אָבער נישט אזוי די אינפלוענציא גופא, וואָס איז אזוי געפעהרליך, ווי די נאָך־עפעקטען, וואָס עס לאָזט איבער נאָך זיך. אַטאַקירענדיג די אָטעם־קאַנאַלען און מאַכענדיג קראַנק זייערע איידעלע חיטלאך און אָדערלאך קענען אַנדערע פּגע־רע'ס זיך לייכט אַריינברעכען און אָנמאַכען א נייעם חורבן. בראָנכיטיס און לונגען־ענטצינדונג (ניומאָניע) זיינען די געפעהרליכסטע נאָכפאָלגער, אויב נישט גענוג פאָרזיכטיגקייט איז געוואָרען געברויכט. עס איז דאַריבער זעהר וויכטיג, גלייך ווי עס ווייזען זיך נאָר וועלכע עס איז קראַנקהייטס־סימפּטאָמען פון היץ אָדער קאָפּ און רוקען־שמערצען — זיך אָוועקצולעגען אין בעט אין א גוט אויסגעלופטערטען צימער, זיך וואַרעם צודעקען (נישט צו הייס) און רוהען. עס מאַכט נישט אויס גלייך צו נעמען אַן אָבפיהרמיטעל, אויב דער מאָגען איז נאָך דעם טאָג נישט געווען אָפען. דאָס פענסטער זאָל זיין אָפען פון אויבען, אזוי דאָס דער צימער זאָל האָבען גענוג פרישע לופט, און דאָך דאַרף מען אכטונג געבען, אז דער קראַנקער זאָל נישט זיין אין א צוק און דאָס עס זאָל אויף איהם דירעקט נישט בלאָזען. אויב די היץ הויבט זיך באַדייטענד דאַרף מען גלייך רופען דעם דאָקטאָר.

געוועהנליך געדויערט דער קראַנקער צושטאַנד אַרום 4—5 טעג און דער קראַנקער ווערט געזונד. פאַר דיעזער צייט דאַרף מען איהם געבען צו עסען פרישע און נאַרהאַפטע, אָבער לייכט פאַרדייליכע שפּייז. מילך, א זעהר פרישע איי, ווייך־געקאָכט, גוטע, נישט צו־פעטע זופּ, רייז אָדער גוט־געקאָכטע גרויפּען, א ביסעל געקאָכטע פרוכט א. אז. וו. עס איז נישט ראַטזאַם צו גיבען איהם פלייש, אָדער געטראַנקען, ווי בראָנפען, וויין אָדער ביער, אָהן דער ערלויבניש פון דאָקטאָר.

עס איז געפעהרליך פאַר'ן קראַנקען אַראָפּצוגעהן פון בעט א באָרוויסער, אָדער נישט־וואַרעם אָנגעטון. זאָגאַר ווען די היץ איז שוין אָפּגעטראָטען און די שמערצען זיינען שוין אויך לייכטער געוואָרען טאָר מען נאָך אַלץ נישט פאַרלאָזען דאָס בעט, ביז עטליכע טעג אַרום, ווען מען איז שוין פאָלשטענדיג זיכער, אז אַלעס איז אין בעסטען אָרדנונג.

מעהרסטענטייל אינפלוענציא קראַנקע הוסטען און שפּייען אויס ל י ח ו ת, אָפט מיט א רוימליכען קאָליער, אָרער עס לויפען פליסיגקייטען פון נאָז און האַלז. מ'מוז זעהן אז דיעזע ליחות זאָלען ווערען אויפגעקליבען אָדער אַרויסגעהוסט אויף שמאַטקעס אָדער טואַלעט־פּאַפּיער, וואָס מ'וועט שוין נישט מעהר נוצען, און עס זאָל גלייך פאַרברענט ווערען.

אין דעם צימער פון קראַנקען דאַרפען זיך נישט געפינען קיינע אוננויטיגע זאַכען. נעמט אַרויס פון דאָרטען אַלץ וואָס איז איבעריג, אפילו די ראָגס. די בעט דאַרף זיין פ ר י ש און ר י י ן און אזוי באַקוועט ווי נאָר מעגליך. וואַשט דעם פּנים פון קראַנקען און זיינע הענט גאַנץ אָפט. שווענקט איהם אויך אָפטער דאָס מויל מיט אַן אַנגענעהמען וואַש־מיטעל. א קיהלער קאָמפּרעס צום קאָפּ איז אָפט זעהר גוט. זעהט אז ער זאָל שלאָפען אזוי פיעל ווי נור מעגליך און עס זאָל זיין שטיל און רוהיג אַרום. וואָס ווייניגער מ'וועט איהם בעאונרוהיגען אַלץ בעסער. עס איז אָבער גוט ווען רער קראַנקער פיהלט, אז עמיצער גיט אויף איהם אכטונג און ווי ער וועט נאָר עפּעס דאַרפען—וועט ער א רוף טון און מ'וועט זיין אויפ'ן פּלאַץ. דער וואָס געהט אַרום דעם קראַנקען מוז ריין אָפּוואַשען די הענד און פּנים נאָך יערען מאָל פון קומען אין באַריהרונג מיט'ן קראַנקען, אָרער שטעהן נאָהענט נעבען איהם.

עס איז ז י כ ע ר ע ר פאַר דעם וואָס באַדיענט און געהט אַרום קראַנקען צו טראָגען א קליינע מאַסקע פון גאָוז אויפגעלעגט אין פיערען אויפ'ן נאָז און מויל. איין עק קען מען פאַרבינדען אַרום די אויערען און די אונטערשטע עקען אַרום האַלז. דיעזע מאַסקע קען ווערען פון צייט צו צייט גוט אויסגעוואַשען און דיזענפעקצירט און ווייטער באַנוצט.

(שלום אויף פּידזש 44)

# די „אַרבייטער רינג ביבליאָטעק"

## נייע ביכער, פּאָפּולערע אַסטראָנאָמיע, געאָלאָגיע, פיזיאָלאָגיע און פּאָליטישע עקאָנאָמיע אין אידיש

פון א. וו. ברוידעס

די נייעסטע טעטיגקייט פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע פון דעם אַרבייטער־רינג, — דאָס אַרויסגעבען פּאָפּולערע וויסענשאַפטליכע ביכער אין אידיש, וועט זיכער באַגריסט ווערען פון אַלע אידישע אַרבייטער און זייערע פריינד מיט'ן גאַנצען האַרצען.

דער אַרבייטער־רינג איז ניט קיין אינשורענס אָרדען אַליין, נור אויך אַ גרויסער קולטור־צענטער פאַר די אידישע אַרבייטער און פאַר די אַנדערע שיכטען פון דער אידישער באַפעלקערונג אין אַמעריקאַ, וועלכע זיינען נאָהענט צו די אַרבייטער. לעת־עתה איז ביי אידען ניטאָ קיין איינציגע אָרגאַניזאַציע, וועלכע זאָל זאָרגען אין אַזאַ מאָס וועגען די קלאַסען־ און נאַציאָנאַל־קולטורעלע אינטערעסען פון די אידישע אַרבייטער, ווי דער אַרבייטער־רינג טוט עס.

דער אַרבייטער־רינג וועט אימער בלייבען אַ גרויסע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציע פאַר זעלבסטבילדונג. דער א. ר. האָט אַ סך אינטעליגענטע מיטגליעדער און דער אידישער אַרבייטער־אָרדען מעג זיין שטאָלץ מיט דעם, וואָס ער האָט אַליין גע־שאַפען זיין אייגענע אינטעליגענץ, וואָס קלייבט זיך פונאַנדער אין פיעלע אַרבייטער און סאָציאַלע פראַגען.

ליידער איז עס ווייט ניט אַזוי אין בעצוג צו די אַנדערע צווייגען פון דעם מענשליכען וויסען. דאָרט זיינען די אידישע אַרבייטער אין אַן ערגערער לאַגע ווי די אַרבייטער פון כמעט וועלכען עס איז אַנדער פאָלק. אַן אַמעריקאַנער, ענגלישער, דייטשער און אַנדערע אַרבייטער האָבען אַ מעגליכקייט צו בילדען זיך זעלבסט מיט דער הילף פון דער גרויסער פּאָפּולערער וויסענשאַפטליכער ליטעראַטור, וועלכע געפינט זיך אין זייערע שפּראַכען, אויסער די גרויסע צאָהל פּאָפּולערע פאָלקס־אוניווערזיטעטען וואָס זיי האָבען. פּאָפּולערע שולען פאַר דער־וואַקסענע אַרביימער קענען אונטער די בעסטע אומשטענדען ניט דערגרייכען זעהר ברייטע שיכטען פון דער אַרבייטער־באַפעלקערונג, אַפילו ווען זיי זיינען אָרגאַניזירט דורך אַ רע־גיערונג אַליין אין אַ לאַנד־שפּראַך, און די אידישע ליטע־ראַטור האָט ביז יעצט כמעט ווי גאָר ניט געהאַט קיין פּאָפּולער־וויסענשאַפטליכע ביכער. דער דורכשניטליכער אידישער אַר־בייטער פאַרשטעהט גאַנץ גוט זיין לאַגע צווישען מענשען אין דער יעצטיגער געזעלשאַפט. ער האָט פיעל געהערט וועגען דעם אויף די מיטינגען פון דעם אַרבייטער־רינג און פון זיין יוניאָן, האָט געלייענט וועגען דעם אין דער סאָציאַליסטישער פּרעסע, ער האָט אָבער אַ גאַנץ קליינעם באַגריף וועגען זיין פּלאַץ אין דער נאַטור; ער ווייס בכלל זעהר ווייניג וועגען דער נאַטור, ווען אַפילו ער פאַרשטעהט שוין אַזוי פיעל, אַז ער האָט די העזה ניט צו גלויבען די געשיכטע פון מעשה בראשית, ווי זי ווערט דערצעהלט אין חומש; קיין ווירקליכע בילדונג קען אָבער ניט זיין אָהן אַ קלאָרען באַגריף וועגען דער מאַטע־ריעלער וועלט אַרום אונז. רעליגיעזער פאַנאַטיזם איז קיינמאָל ניט געגוג אויסגעוואָרצעלט כל זמן זיין פּלאַץ אין מענשען'ס מוח ווערט ניט פאַרנומען פון די קלאָרע און באַשטימטע וויסענשאַפטליכע באַגריפע און ידיעות וועגען דער נאַטור.

אין חדר האָט מען וועגען אַזוינע זאַכען ניט געלערנט; קיין אַלגעמיינע מאָדערנע שול האָבען די מעהרסטע אידישע אַרבייטער ניט באַזוכט, און אויב יאָ, האָבען זיי זי געמוזט אַזוי פריה פאַרלאָזען אום צו געהן מאַכען אַ לעבען, אַז זיי האָבען דאָרט גענאָסען גאַנץ ווייניג אמת'ן וויסען, און ניט האָבענדיג קיין פּאַסענדע ליטעראַטור פאַר זעלבסט־בילדונג האָט דער נאַטירליכער שטרעבען נאָך וויסען ביי די אידישע אַרביי־טער געמוזט פאַר פיעלע יאָהרען לעכצען און אויסגעהן, אָדער אַרויסשפּאַרען אויף קרומע, אומנאַטירליכע וועגען.

אידישע אַרבייטער האָבען געשטודירט פאַרשימעלטע פי־לאָזאָפישע טעאָריעס, האָבען זיך אינטערעסירט מיט פּוסטע אינטעלעקטועלע דריידלאַך, זיינען געלאָפען הערען פאַרפלאָנ־טערטע לעקטשורס וועגען רוסישע אינטעליגענטע אינדיווידואַ־ליסטען און סקאַנדינאַווישע דעקאַדענטישע פּריציש׳ע זיהן און טעכטער. זיי האָבען אָבער קיין באַגריף ניט געהאַט וועגען דעם שטיקעלע הימעל און די שטערען, וועלכע האָבען געלויכטען איבער זייערע קעפּ, און וועגען די דלד אמות אונטער זייערע פיס. אידישע אַרבייטער, וועלכע קענען גאַנצע נעכט אָפּשמוע־סען גאַנץ שעהן וועגען די העלדען פון איבסען און טאָלסטאָי און אַנדערע, האָבען ניט געהאַט קיין מעגליכקייט אויסצוגע־פינען, וואָס עס טוט זיך אונטער דער בלאָטע, אויף וועלכער זיי טאָפּטשען, אָדער פאַרוואָס טוט זיי אַזוי וועה דער קאָפּ ווען זיי רויכערען זיך אָן מיט אַ פּאָר טוצען סיגאַרעטלעך נאָכ־אַנאַנד. קיין ביכער וועגען געאָלאָגיע און פילאָזאָפיע און אַנ־דערע נאַטור־וויסענשאַפטען זיינען אין אידיש ניט געווען.

אויף וויפיעל די אידישע אינטעליגענץ האָט געהאָלפען די אידישע אַרבייטער צו בילדען זיך, איז די בילדונג געווען מעהר־סטענס ניט קיין נאָרמאַלע, אָהן באַשטימטע צוועקען, אָהן אַ באַשטימטען גאַנג און אָהן אַ וועלכע עס איז קלאָרע צופּאַסונג צו די אמת'ע נויטען פון דער אידישער אַרבייטער־באַפעלקערונג. דעם אידישען אַרבייטער האָט מען געקאָרמעט מיט די געדאַנקען פון אפּיקורסישע גלחים פון דעם 18טען יאָהרהונדערט וועגען דעם רבונו־של־עולם און זיינע פעהלערען פיהרענדיג די וועלט, אָבער ניט מיט ידיעות וועגען דער וועלט גופא; מיט די קרומ־סטע און משוגענסטע געשיכטליכע טעאָריעס, אָבער ניט מיט פּשוט'ען וויסען פון דער געשיכטע.

נור ווען די אידישע אַרבייטער וועלען זיך אַליין זאָרגען וועגען זייערע אייגענע גייסטיגע באַדערפנישע, וועלען זיי צו־פריעדענגעשטעלט ווערען אויפ'ן צוועקמעסיגסטען אופן.

דער אַרבייטער־רינג האָט פאַר פיעלע יאָהרען געזוכט אַ וועג ווי צו העלפען די אידישע אַרבייטער זיך צו בילדען. די לעקטשור־קורסען, וואָס דער אַ. ר. אָרגאַניזירט, האָבען געבראַכט פיעל נוצען, דאָך האָבען זיי ניט געקענט צופריעדענשטעלען די ווירקליכע באַדערפניש. אום צו הערען אַ וויסענשאַפטליכע לעקציע, וועלכע געדויערט אַ שטונדע, מוזען די אַרבייטער — צוהערער, אָפט פאַרליערען דריי און פיער שטונדען פון דער צייט, וואָס זיי האָבען אויף דער נויטיגער רוה. מען קען ניט געדענקען אַלץ וואָס אַ לעקטשורער זאָגט און דאַריבער איז שווער וועגען דעם געזאָגטען איבערצוטראַכטען ריכטיג. לעקטשורס קען מען ניט האָבען ווען מען וויל זיי און ווען מען איז פּאַסענד אויפגעלעגט פאַר זיי. אין די קלענערע שטעדט מוז מען פון איין לעקטשור ביז דער צווייטער אָפּ וואַרטען פיעלע מאָנאַטען. עס זיינען ניטאָ קיין פיעל גוטע לעקטשורערס אין אידיש, און פאַר קליינע אַרבייטער־גרופּען זיינען די וועלכע זיינען יאָ דאָ אַ צו־טייערער ביסען.

אונטער די דאָזיגע באַדינגונגען זיינען פּאָפּולערע וויסענ־שאַפטליכע ביכער אין אידיש דער בעסטער און כמעט דער איינציגער מיטעל צו באַפריעדיגען דעם דורשט נאָך וויסען צווישען די אידישע אַרבייטער. דערפאַר פאַרדיענט די „אַר־בייטער רינג ביבליאָטעק" וואָס די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע פון דעם א. ר. האָט אָנגעפאַנגען אַרויסצוגעבען די וואַרימסטע אויפנאַהמע.

דיעזען מאָל באַשטעהט די ביבליאָטעק פון ביכער וועגען אַסטראָנאָמיע, געאָלאָגיע, פילאָזאָפיע און פּאָליטישע עקאָנאָמיע.

די אַלע ביכער זיינען געשריבען פון מענשען, וועלכע זיינען גוט באַקאַנט מיט די זאַכען וועגען וועלכע זיי האָבען געשריבען; וויסען גוט די קולטור־נויטען פון די אידישע אַרבייטער און האָבען יאָהרען לאַנג געשריבען אין אידיש פאַר די מאַסען.

דר. ב. האָפמאַן (צביון) האָט פאַרפאַסט די אַסטראָנאָמיע פאַר דער א. ר. ביבליאָטעק. אַז דר. האָפמאַן האָט גוט פאַרשטאַנען זיין אויפגאַבע ווען ער האָט געשריבען דאָס בוך, קען מען זעהן פון דעם וואָס ער זאָגט אין זיין הקדמה:

דאָס פאָרליעגענדע ווערק איז ניט קיין לעהרבוך צו שטודירען אַסטראָנאָמיע, נאָר אַ בוך צו לעזען אַסטראָנאָמיע."

„אונזער אידישע ליטעראַטור איז נאָך פאָרלויפיג (דערווייל) זעהר אָרים אין וויסענשאַפטליכע ביכער, אַז מען זאָל קענען שטודירען וויסענשאַפט אין אידיש. אום צו לערנען און שטודירען אַסטראָנאָמיע דאַרף מען האָבען אַ געניגענדע פאַרברייטונג אין פיזיק און מאַטעמאַטיק. ליידער זיינען אין אידיש נאָך ניט פאַראַן די נויטיגע ביכער, פון וועלכע צו לערנען די צוויי דערמאַנטע וויסענשאַפטען."

„דאָס פאָרליגענדע בוך האָט דעריבער דעם צוועק צו געבען דעם לעזער אַ מעגליכקייט זיך צו באַקענען מיט דער וויכטיגער און אינטערעסאַנטער אַסטראָנאָמישער וויסענשאַפט, ווען ער האָט אפילו ניט די נויטיגע פאָרבילדונג צו לערנען און צו שטודירען אַסטראָנאָמיע ווי געהעריג. דער פּראָפעסאָר האָט זיך גענעבען די מיה צו שאַפען אַ פּאָפּולערען לעזע־בוך איבער אַסטראָנאָמיע, איבערצוגעבען אין אַ לייכטער, פאַרשטענדליכער פאָרם די אַסטראָנאָמישע וויסענשאַפט און איהרע הויפּט־געזעצען אָהן דעם געברויך פון אַסטראָנאָמישע פאָרמולעס, וועלכע זיינען דעם דורכשניטליכען אידישען לעזער ניט באַקאַנט, און אויסמיידענדיג די פאַרשיעדענע מאַטעמאַטישע אויסרעכנונגען".

דר. האָפמאַן האָט, בכלל גענומען, ערפילט זיין אויפגאַבע גוט און געוויסענהאַפט. די קנאַפּע 300 זייטלאַך פון דעם אַסטראָנאָמיע ענטהאַלטען כמעט אַלע וויכטיגע ענטדעקונגען און לעהרען פון דער אַסטראָנאָמישער וויסענשאַפט, וועלכע זיינען מייסטענס איבערגעגעבען אין אַזאַ איינפאַכער און קלאָרער שפּראַך, אַז דער בוך לעזט זיך ווי אַ העכסט אינטערעסאַנטע באַשרייבונג פון אַ וועלט וועגען וועלכע מיר גאַרען צו וויסען. אפילו די ריין־וויסענשאַפטליכע ערקלעהרונגען און חשבונות ווערען איבערגעגעבען מיט אַזעלכע איינפאַכע ווערטער, אַז פאַר דעם דורכשניטליכען אידישען אַרבייטער דאַרף זיין ניט שווער צו באַנעמען זיי. אַנדערע ערקלעהרונגען אין בוך זיינען פיללייכט שוין צופיעל בקיצור איבערגעגעבען, דאָך קען עס בשום אופן ניט שאַדען דער אַלגעמיינער אינטערעסאַנטקייט און פאַרשטענדליכקייט פונ'ם בוך. ווי עס ווייזט אויס איז דר. האָפמאַן געווען שטאַרק באַגרענעצט אין דער גרויס פון זיין בוך.

דר. האָפמאַן (צביון) איז שוין פיעלע יאָהרען באַקאַנט די אידישע לעזער און זיין אידיש פּיהישפּאָרט רעקאָמענדאַציעס. ער שרייבט אין אַן אויסגעצייכענטען מאַמע־לשון ניט נור וועגען אידישע און אַנדערע ענינים, נאָר אפילו וועגען אַזאַ שטרענגע וויסענשאַפט ווי אַסטראָנאָמיע. אָבער די יונגקייט און ניט אויסגעאַרבייטקייט פון אידיש צייגט זיך דאָך אַרויס. אפילו ביי אַזאַ געניטען אידישען שרייבער ווי ער זיינען נאָך ניט אויסגעאַרבייט געוואָרען קיין וויסענשאַפטליכע טערמינען אין אידיש. שרייבענדיג וועגען אַסטראָנאָמיע מוז מען זיך באַנוצען מיט די דייטשע ווערטער צו באַצייכענען זאַכען, וועלכע ווערען פילייכט דעם ערשטען מאָל דערמאַנט אין אַ אידישען בוך. אָבער געברויכענדיג דייטשע ווערטער, פאַרגעסט זיך אָפט דר. האָפמאַן, אַז ער שרייבט אַ אידישען בוך און ער באַנוצט זיך ניט נור מיט די דייטשע ווערטער גופא, נאָר אויך מיט זייער דייטשער פאָרמע. דאָס, דענק איך, האָט דר. האָפמאַן באַדאַרפט ווי ווייט מעגליך אויסמיידען. וואָס מעהר פרעמדע ווערטער מיר וועלען אַריינגעמען אין אונזער אידיש, אַלץ רייכער וועט די שפּראַך נאַטירליך ווערען, אָבער ווען מיר וועלען עס טון ניט פאַראידישענדיג די פאָרמע פון די דאָזיגע ווערטער, וועט דער פּלאָנטער פון דער אידישער גראַמאַטיק ערגער ווערען. פון דעם דאַרפען מיר זיך אויסהיטען.

פיללייכט איז שווער צו געפינען אַ מעהר אידישע פאָרמע פאַר אַזעלכע קאָמבינאַציעס פון ווערטער ווי „יאָהרעס־טעג", „גאָטעס־דיענסט" א. ד. ג., אָבער אידען האָבען שוין פיעלע דורות געברויכט דעם וואָרט „לינז" פאַר די דייטשע „לינזע" און מען קען ברויכען די אידישע פאָרמע פון דעם וואָרט אפילו ווען מען דאַרף עס פאַר אַ וויסענשאַפטליכען טערמין (ז. זייט 90). און ניט נור די לינז, נאָר אויך אַנדערע גאַנץ אידישע זאַכען באַקומען ביי דר. האָפמאַן אַ דייטשען טעם. דר. האָפמאַן שרייבט און זאָגט: „קאָמבינאַציע", „אָפּעראַציע", „אַסיגנאַציע", „פּאָזיציע" א. אַ. וו.; וואָרום־זשע לאָזט ער איבער דעם „ציאָן" אין די נייע ווערטער, מיט וועלכע ער באַקאַנט די אידישע לעזער? וואָרום ברויכט ער דוקא די דייטשע פאָרמע אין „אָפּעראַציאָן", „דיספּערזיאָן", „רעפראַקציאָן", „רעפלעקציאָן" א. אַ. וו.? די דייטשע פאָרמע פון דעם דייטשען וואָרט „צאָנע" האָט אויך געקענט פאַראידישט ווערען: „צאָנע" קלינגט נאָך מעהר פרעמד אין אידיש ווי „לינזע".

עס וואָלט פאַרנומען צופיעל פּלאַץ דאָ אויסצורעכענען די פיעלע עבירה'לאַך וואָס דר. האָפמאַן באַגעהט געגען אידיש אין זיין אַסטראָנאָמיע, און אַזוי ווי זיי שאַדען מעהרסטענס ניט דער פאַרשטענדליכקייט פון דעם ענין, קען מען זיך פאַרגינען ניט אָפּצושטעלען זיך אויף זיי. זיין אידישער סטיל אין אַלגעמיין איז אַזוי גוט און דייטליך, אַז די קליינע חסרונות זיינען קוים אַ שטערונג פאַר'ן לעזער. נור אין אַ פּאָר פּלעצער קען דער אידישער לעזער האָבען אַ טעות און ניט ריכטיג אויסטייטשען דעם פּרוש פון די דייטשע ווערטער. למשל, „געזיכטס־פעלד" (זייטע 93) איז שוין אַביסעל צופיעל דייטש. וועגען דעם אַז „געזיכט" מיינט עפּעס אַנדערש, אויסער אַ פּנים, ווייסען ניט גאָר פיעלע אידישע לעזער. פאַרוואָס ניט „זעה־קרייז"? אין אַ פּאָר פּלעצער זיינען די אויסדרוקען אין אַלגעמיין ניט קלאָר אָדער ניט ריכטיג.

אויף זייט 229 רעדט דר. האָפמאַן וועגען דעם דיאַמעטער פון אַ רינג (פון דעם פּלאַנעט סאַטורן) און די ברייט זיינע. עס איז דאָרטען ניט קלאָר צי עס ווערט געמיינט די ברייט פון דער ווענטעל פון דעם רינג אָדער די גרעב פון דעם רינג.

רעדענדיג (אויף זייט 246) וועגען די „פאַלענדע שטערען", מאַכט דר. האָפמאַן ניט אין גאַנצען קלאָר וואָרום איז עס, אַז די זעלבע מעטעאָרען, וועלכע „זיינען צו קליין, אַז מען זאָל זיי קענען זעהן אפילו מיט דעם גרעסטען טעלעסקאָפּ", שיינען אַזוי העל ווען זיי באַווייזען זיך פאַר אונז אַלס פאַלענדע שטערען?

אין איין פּלאַץ ערלויבט זיך דר. האָפמאַן אַ שורה, וועלכע פּאַסט זיך ניט אַריין אין אַן ערנסטער אָפּהאַנדלונג וועגען אַסטראָנאָמיע; אַלענפאַלס ניט אין אַזאַ פאָרמע. אין דעם זעהר אינטערעסאַנטען קאַפּיטעל וועגען די קאָמעטען וועלכע ריכטען אָפּ גלות אין די הימלען, טרייסט אונז דר. האָפמאַן (זייט 245), אַז אַזוי ווי „אַ צוזאַמענשטויס פון דער ערד אונזערער מיט אַ קאָמעט קען בלויז טרעפען איינמאָל אין 15 מיליאָן יאָהר, דאַרף מען דאַריבער האָפען (אַזאַ זאַך קלעפּט זיך עפּעס ניט צו אַסטראָנאָמיע), אַז אין אונזער צייט וועט אַזאַ צוזאַמענשטויס ניט פאָרקומען". ווייטער דערוויסען מיר זיך, אַז ווען אפילו אַזאַ צוזאַמענשטויס זאָל יאָ חלילה פאָרקומען, וואָלט די ערד „ניט צובראָכען געוואָרען, וואָרום אַ קאָמעט איז ניט אַזאַ געפעהרליכע באַשעפעניש". דאָך, „ווען דער קאָמעט זאָל זיין אַ גרויסער, קען ער פאַרשאַפען אַ סך אונאַנגענעהמליכקייטען. ער קען אויסטריקענען די וואַסערען און פאַרדאַרבען די לופט פון דער ערד"; און דאָ מאַכט אונז אויפמערקזאַם דער פּראָפעסאָר פון דער אַסטראָנאָמיע, אַז „עס איז דעריבער גלייכער אַז זיי זאָלען זיך ניט צוזאַמענשטויסען"... די לעצטע שורה וואָלט בעסער געטויגט דאָרט וואו עס רעדט זיך וועגען אַ „צוזאַמענשטויס" פון אַ קהלה מיט איהרע כלי־קודש.

עס וואָלט געווען אינטערעסאַנט צו וויסען צי די קאָמעטען פאַרשטעהען אַ וויץ...

דר. האָפמאַן נעמט אָן די קאַנט לאַפּלאַס טעאָריע וועגען מעשה בראשית, אָדער ריכטיגער געזאָגט, וועגען דער פאָרמירונג פון די הימעלישע קערפּער. דאָ איז ניט דער פּלאַץ אַריינצולאָזען זיך אין הקירות וועגען דער דאָזיגער טעאָריע. עס איז אָבער כדאי צו באַמערקען, אַז די לעצטע צייט האָבען זיך ענטוויקעלט קלאָרערע און מעהר אומפאַסענדע טעאָריעס, וועלכע געהן אַ סך ווייטער, ד. ה. פריהער ווי די פאָרמירונג פון די הימעלישע קערפּער. אפילו די טעאָריע פון גראַוויטאַציע (צוציהונגס־קראַפט) ווערט אויך יעצט פון פיעלע באַטראַכט אַלס ניט דאָס לעצטע וואָרט פון דער וויסענשאַפט.

אין יעדען פאַל וואו דר. האָפמאַן ברויכט אַ וויסענשאַפט־

ליכען טערמין, וועלכען ער דענקט אז דער דורכשניטליכער לעזער וועט ניט פארשטעהן, איז עס מסביר אין זעהר קלאָרע און קורצע ווערטער. די דאָזיגע ערקלעהרונגען זיינען געוועהנליך אויסגעצייכענטע און לאָזען ניט ווינשען כמעט קיין בעסערס. עס וואָלט געווען זעהר ניצליך, ווען צום בוך וואָלטען געווען צוגעגעבען א צעטעל פון די וויסענשאַפטליכע ווערטער מיט זייערע ערקלעהרונגען. דאָס בוך איז דאָך צום לעזען, ניט צום שטודירען; א לעזער חזר׳ט געוועהנליך ניט איין דעם טייטש פון ווערטער און ווען ער באגעגענט א טערמין ניט אין דעם פּלאַץ וואו זיין ערקלעהרונג איז געגעבען געוואָרען, און ער געדענקט ניט וואָס ער מיינט, וועט ער מוזען פארבייגעהן דעם ענין ניט וויסענדיג קלאָר וואָס דאָרט ווערט געזאָגט. א קורצער ווערטער־צעטעל מיט ערקלעהרונגען וואָלט איהם אין אזא פאל שטאַרק צוניץ געקומען.

אין א אידישען בוך וועגען אסטראָנאָמיע וואָלט געווען אם פּלאַץ האָטש עטליכע פּאַראַגראַפען וועגען דער אסטראָנאָמיש׳ער וויסענשאַפט ביי די אידען; ספּעציעל פיהלט מען, אז די דאָזיגע פּאַראַגראַפען פעהלען אין בוך ווען מען לעזט וואָס דר. האָפמאַן האָט צו דערצעהלען וועגען דער וויסענשאַפט אין דער אמאָליגער כינא. עס נעמט פשוט אָן א קנאה צו די כינעזער. מיר אידען זיינען דאָך עפּעס אויך ניט פון די שנעקעס. אפילו אינ׳ם קאַפּיטעל וועגען אסטראָלאָגיע איז וועגען אידען קיין זכר ניטאָ.

דער בוך האָט א סך זעהר גוטע צייכנונגען, בילדער און קאַרטעס, אין וועלכע די נעמען און ערקלעהרונגען זיינען געגעבען אין אידיש. דאָס וועט זיכער פיעל העלפען צו מאַכען דר. האָפמאַן׳ס „לעזע־בוך“ וועגען אסטראָנאָמיע פאַר א בוך צום שטודירען. דאָס מאַכט דעם בוך פיעל ניצליכער.

די געאָלאָגיע פון דער ארבייטער רינג ביבליאָטעק איז געשריבען געוואָרען פון דר. אב. קאַספּע. אויב איך האָט קיין טעות ניט, האָט שוין דר. קאַספּע אמאָל ארויסגעגעבען א קליין ביכעל אין אידיש וועגען געאָלאָגיע.

געאָלאָגיע איז איינע פון די יונגסטע וויסענשאַפטען, אזוי ווי אסטראָנאָמיע איז איינע פון די עלטסטע, אָבער פאַר דער פארשטענדניש פון אונזער וועלט איז געאָלאָגיע העכסט וויכטיג. געאָלאָגיע לערנט אונז ניט נור די געשיכטע פון דער ערד, נאָר זי דערצעהלט אונז זעהר א סך וועגען דער געשיכטע פון דעם מענשליכען מין אויף דער וועלט. די דאָזיגע וויסענשאַפט איז אויך העכסט נויטיג פאַר די פּראַקטישע צוועקען פון אונזער לעבען. די געאָלאָגישע וויסענשאַפט העלפט אונז צו ענטדעקען די אוצרות פון דער ערד און ווייזט אונז א וועג ווי צוצוקומען צו זיי.

געאָלאָגיע איז נאָך לייכטער צו מאַכען פאַר א לעזע־בוך ווי אסטראָנאָמיע, און דר. קאַספּע באנוצט זיך מיט דעם אין א פולער מאָס. זיין געאָלאָגיע לעזט זיך כמעט ווי א העכסט אינטערעסאַנטער ראָמאַן פון זשול ווערן. זיין אידיש זינדיגט נישט פיעל מיט דייטשע פאָרמען. פיליכט דערפאַר, וואָס ער מוז ניט געברויכען אזוי פיעל נייע וויסענשאַפטליכע טערמינען. זיינע באשרייבונגען פון די געדערים פון דער ערד זיינען העכסט שפּאַנענד און די לעזער פון דער געאָלאָגיע וועלען זיכער איבערלעזען דעם בוך מעהר ווי איינמאָל.

די ביבליאָטעק איז געדרוקט אויף גוטען פּאַפּיער, האָט ווייניג דרוק־גרייזען, איז שעהן געבונדען, און דער פּרייז וואָס איז פאַר איהר באשטימט געוואָרען איז אפילו פאַר געוועהנליכע צייטען נידריג, בפרט יעצט.

א קליינינגקייט. אויף די פאָדער־בלעטלאך פון די ביכער פון דער א. ר. ביבליאָטעק איז ניטאָ דער עמבלעם פון דעם ארבייטער־רינג. אויפ׳ן בונד איז זי יאָ דאָ. עס דוכט זיך, אז אויף אלעס וואָס דער ארבייטער רינג גיט ארויס דאַרף זיין דער א. ר. עמבלעם געדרוקט אויבען־אויף אויפ׳ן בוך גופא, ניט נור אויפ׳ן בונד.

וועגען די אנדערע ביכער פון דער ביבליאָטעק נעקסטען מאָל.

# די פיזישע ערציהונג פון קינד

(פּראַקטישע עצות ווי צו היטען דעם קינד׳ס געזונד)

פון ח. ג. סאלוצקי

## ריינקייט.

איינע פון די הויפּט־באדינגונגען פאַר דעם קינדס געזונד איז ריינליכקייט.

שמוץ פון יעדען סאָרט, שמוציגע צימער, שמוציגע גאַסען, א שמוציגע בעט, שמוציגע עסענס, שמוץ פון קערפּער, דאָס אַלעס ענטהאַלט אין זיך מיליאָנען, מיליאַרדען טעטיגע שונאים פון מענשענס געזונד. דאָס זיינען אלע מינים מיקראָבען, וואָס ברענגען מיט זיך פארשיעדענע קראַנקהייטען. ווי שרעקליך עס זיינען אָבער ניט די איבלען, וואָס שמוץ פאַראורזאַכט פאַר דעם ערוואַקסענעם, זיינען זיי ניט אין אָן ערך שרעקליכער פאַר דעם קינד. דאָס יונגענקע, צאַרטע קערפּערעל האָט אין זיך ניט אזא גרויסע ווידערשטאַנדס־קראַפט, ווי דער ענטוויקעלטער קערפּער פון דעם ערוואַקסענעם. צי די מיקראָבען אטאַקירען דאָס קליינע נפש׳ל דורך זיין מאָגען, צי דורך זיין אָטעם, צי דער שמוץ עסט אויף זיין צאַרטע הויט, צי ער פארדאַרבט זיינע אויגלעך, יעדענפאַלס איז דאָס שוואַך צו קעמפּפען. טויזענדער קינדער, וואָס וואָלטען געקענט לעבען און וואַקסען ווען זיי האָבען די נויטיגע ריינקייט און באקוועמליכקייט, פאַלען ווי פליעגען אין שמוץ און נויט.

מען דאַרף ניט זשאַלעווען קיין ארבייט און קיין אָנשטרענגונג צו געבען דעם קינד וואָס מעהר און מעהר ריינקייט.

## קליידונג.

דעם קינדס קליידער דאַרפען זיין וואָס איינפאַכער און לייכטער צום וואַשען. באזונדערס די ערשטע צייט, ווען דער גאַנצער פּראָצעס פון „אויספּוצען זיך“ איז נאָך פאַר דעם קינד א גרויסע אָנשטרענגונג, דאַרף מען זיכער זוכען מעהר באקוועמליכקייט ווי שעהנקייט אין זיין טואַלעט.

א האלב־וואָלענע העמדעלע, א ווינדעל (דייפּער), א פּאָר זאָקען, א בויך־באַנד און א פלאַנעלענער כאַלאַטעל וואָס עפענט זיך אין גאַנצען פון פאָרענט איז א גאַנץ גענוגער פארפּוץ די ערשטע צייט, אויב דאָס פאַלט אויס אין א קיהלען סיזאָן. זומער טוט מען אָן נאָר א דין העמדעלע און א דינעם כאַלאַטעל. דער בויך־באַנד איז באזונדערס וויכטיג די ערשטע צייט, איידער דער נאָפּעל פאַלט ארונטער. מען נוצט דאַן פּאַסען פלאַנעל פון זעקס ביז אכט אינטשעס ברייט און אכצעהן אינטשעס לאַנג. מען דאַרף זעהן אז דאָס זאָל ליגען גלאַט אויף דעם בייכעלע און עס זאָל ניט זיין צו ענג. שפּעטער, ווען מען דאַרף שוין ניט היטען דעם נאָפּעל, איז גוט צו נוצען האלב־וואָלענע, געשטריקטע בויך־בענדער, וועלכע פארקויפען זיך אין די קראָמען. זיי האַלטען וואַרעם דעם קינדס בייכעל און זיינען זעהר לייכט אָנצוטאָן. ארום פינף, זעקס מאָנאַטען, ווען דאָס קינד קען שוין האַלטען דעם קאָפּ און דעם רוקען, הויבט מען דאָס אָן פּוצען אין אונטער און אין שעהנערע אויבערשטע קליידעלעך. אלעס וואָס דאָס קינד טראָגט דאַרף יעדען טאָג פריש געוואַשען ווערען. באזונדערס פיעל מיה געהט אוועק צו האַלטען ריין די ווינדלען. ווען דאָס קינד שלאָפט ניט דאַרף מען אומבייטען די ווינדעל יעדעס מאָל וואָס עס נעצט זיך איין. ווען דאָס שלאָפט רוהיג

איז ניט כדאי צוליעב דעם צו שטערען זיין שלאָף און מען בייט נור ווען מען גיט דעם עסען. ווי מען נעהמט ארונטער א נאַסען ווינדעל דאַרף מען דאָס גלייך אַריינלעגען אין אַן עמער מיט קאַלטע וואַסער. אויב דער ווינדעל איז איינגעריכט זאָל מען דאָס באַלד פאַרוואַשען און אַריינלעגען אין דער קאַלטער וואַסער. איין מאָל אַ טאָג דאַרף מען די ווינדלען וואַשען אין הייסע מילינקעס, נוצענדיג אַ ווייסע זייף; דערנאָך קאָכט מען זיי אַ מינוט פופצעהן אין ריינע וואַסער — און דאַן דאַרף מען זיי עטליכע מאָל דורכשווענקען אין קאַלט וואַסער, אום די זייף זאָל אינגאַנצען אַרויס און ניט עסען דעם קינדס הויט. קיין זאַך, וואָס דאָס קינד טראָגט צום לייב, דאַרף ניט ווערען געבלויעט, אויך דאַרף אַלעס זיין פאָלקאָם טרוקען ווען מען טוט דאָס אָן אויף דעם קינד. אויב מען קען זיך ערלויבען די צייט צוצופרעסען די ווינדלען, קומען זיי אַרויס גלאַטער און אנגענעהמער פאַר דעם קינדס לייב.

די ווינדעל דאַרף זיך ניט אָפּלעגען צו דיק צווישען די פיס׳לעך, ווייל דאָס שטערט אמאָל זייער גלייכען וואוקס. אזוי ווי דאָס קינד נעצט זיך אָבער זעהר פיעל און עס ווילט זיך אויף וויפיעל מעגליך פאַרהיטען די אנדערע זאכען אויסער דער ווינדעל, איז די דינע ווינדעל ניט גאַנץ באקוועם, ווייל עס רינט פון איהר צופיעל אַרויס. ער איז דעריבער ראַטזאַם טאקע צו נוצען די ווינדעל דין, נור אין צווייען צונויפגעלעגט, און די ווינדעל אויסבעטען דאָרט וואו דאָס קינד ריכט זיך איין און נעצט זיך אַם מעהרסטען. אויסבעטען קען מען מיט אירגענד וועלכען ווייכען שטאָף. עס איז גוט צו נוצען אזא זאך וואָס מען קען זיך פאַרגינען אַרויסוואַרפען יעדעס מאָל וואָס דאָס קינד ריכט דאָס איין. דאָס פאַרשפּאָרט דאָס וואַשען. שיטערע לייווענד (טשיז קלאָטה), וואַטע, שטיקלעך פון אַן אַלטען טערקישען האַנדטוך זיינען גוט פאַר דיעזען צוועק.

אז מיר האַלטען שוין ביי קליידונג, ווילט זיך דערמאָנען נאָך א וויכטיגען טייל פון דעם קינדס טואַלעט. דאָס איז זיין אויבערשטע בגד. ווי געזאָגט, איז די ערשטע צייט גוט צו האָבען זאַכען וואָס פאָדערען וואָס וועניגער מען זאָל דאָס קינד ארומדרעהען בשעת מען טוט דאָס אָן.

אויף דעם צייכנונג דאָ זעהט איהר א מאַנטעל מיט א הוט וואָס טוט זיך זעהר גרינג אָן און עס פאָדערט זיך ניט פיעל ארבייט דאָס צו מאַכען. די שטאָף געברויכט מען געוועהנליך נאָך דעם סעזאָן. אויף ווינטער קען מען דאָס מאַכען פון גאָר א דיקען ווייסען שטאָף און אויף אונטערשלאַק. אָנ־



דערע סעזאָנען מאַכט מען דאָס פון לייכטערען שטאָף און אָהן דעם אונטערשלאַק. קוקענדיג אויף דעם מוסטער איז גאַנץ לייכט צו באגרייפען ווי אזוי דאָס שניידט זיך און ווי עס מאַכט זיך.

---

אויב איין מיטגליעד פון אַרבייטער־רינג ביי אייך אין שטאָדט וועט אונז אָנטון די חרפּה און שטימען אַ קאַפּיטאַליסטישען טיקעט — וועט עס זיין א י י ע ר שולד און איהר וועט מעגען טראָגען אויף זיך אַ ט י י ל פון דער שאַנדע.

* * *

די פרויען דאַרפען אַזוי פיעל דעם אַרבייטער־רינג ווי די מענער. דער אַרבייטער־רינג דאַרף אַזוי די פרויען ווי די מענער. אויב ביי דעם סענאַט זיינען מיר נאָך נישט קיין ג ל י י כ ע מיוחסים, איז שוין אָבער ביי אונז די פראַגע לאַנג, לאַנג געלעזט.

* * *

מ׳טאָר נישט פאַרליערען דעם קאָפּ, ווען גליק שמייכעלט אַקעגען כסדר מיט אַ שטראַהלענדען פּנים, אָבער נאָך וועניגער דאַרף מען איהם פאַרליערען, ווען אומגליק פאָכט מיט זייגע שוואַרצע פליגעל איבער אונזער געצעלט.

* * *

די געשעפטס־ביכער פון ברענטש איז זיין שפּיעגעל, וואו מיאוסע האָבען מורא אַריינצוקוקען.

* * *

פאַרלאָזט זיך נישט אויף קיין גנבים צו צעהלען אייער פאַרמעגען. אַמוועניגסטענס שטעהט דערביי און זעהט מזאָל אייך נישט אָפּנאַרען. איהר קענט עס אויך אַנווענדען צום באַלאָט־באָקס אין עלעקשאָן־טאַג.

* * *

סאָציאַליזם וועט נישט נור אָפּשאַפען אונזער קראַנקע עקאָנאָמישע סיסטעם, די עפּידעמיעס פון באַנקראָטען, פּאַניקס און אַרבייטסלאָזיגקייט, — זי וועט אויך אָפּשאַפען די פיזישע עפּידעמיעס פון אַלערליי כאָלעראַס, אינפלוענציעס, ניומאָניעס און אַזוי ווייטער, קאָנצענטרירענדיג די בעסטע מוחות פון פאָלק אויף צו באַקעמפען די אָנשיקענישען.

* * *

אייער פרוי וועט אייך נישט איינמאָל טיעף אין האַרצען דאַנקבאַר זיין, וואָס איהר האָט איהר געהאָלפען צו ווערען אַ מעמבער אין אַרבייטער רינג.

* * *

יעדער ליגען וואָס ווערט אייך געזאָגט און איבערגעזאָגט איז נישט נור אַ בייזער ווילען צו פאַרפיהרען אייך, נאָר אויך אַ גראָבע באַליידיגונג געגען אייער אינטעליגענץ און געזונדען, לאָגישען פאַרשטאַנד.

* * *

אָרגאַניזאַציאָן אויף אַלע געביעטען פון אונזער עקאָנאָמישען, פּאָליטישען און קולטורעלען לעבען הייסט אָנגרייטען זיך מיט אייז אויף זומער און מיט קויהלען אויף ווינטער.

* * *

איהר זייט נאָר אַ ה אַ ל ב ע ר מעמבער פון אַרבייטער־רינג, אויב אייער פרוי איז אויך נישט קיין מעמבער.

• • •

# די צוקונפט פון אידיש

פון יעקב לעווין

מ'זאָגט, אז דער ווילען איז די מוטער פון געדאַנק. דאָס איז אָהן צווייפעל אמת אויך בנוגע די פּאָראויסזאָגונגען, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרען און ווערען געמאַכט וועגען דער אידישער שפּראַך. אידיש האָט געגנער אָדער פיינד פון צוויי זייטען. פון איין זייט שטעהען די אנהענגער פון דער „שפת המדינה“, פון דער שפּראַך פון יענעם פאָלק, צווישען וועלכע מיר וואוינען. די אידישע שפּראַך, וועלכע שאַפט די באַזונדערע אידישע אַטמאָספערע פאַר די אידישע מאַסען, איז א דאָרן אין אויג ביי די, וואָס וואָלטען וועלען גאָר אין גיכען זעהן פונ'ם אידישען פאָלק בלויז א היסטאָרישען טערמין; וואָס וואָלטען וועלען, אז די אידישע מאַסען זאָלען זיך מעגליכסט צונויפגיסען מיט דער אַרומיגער ניט אידישער באַפעלקערונג. און פון דער אַנדער זייט שטעהען די אנהענגער פון דער אַלטער הייליגער שפּראַך, פון העברעאיש. אנהענגער פון זכות אבות און יחוס, וואָלטען זיי וועלען צוריק אויפלעבען די שפּראַך פון די, וועמען די געשיכטע, די טראַדיציע און באַזונדערס דער אפשיי פאַר אַלטקייט האָט אידעאַליזירט אָדער פאַרשריען אַלס גרויס, שעהן, דערהויבען און גוט. פאַר זיי איז די אידישע שפּראַך, אין וועלכער די אידישע מאַסען רעדען זיך דורך, אויף וועלכער און נאָר אויף וועלכער זיי זיינען אימשטאַנד אויסצודריקען זייערע געדאַנקען און געפיהלען, זייערע פריידען און ליידען, — פאַר זיי איז די אידישע שפּראַך ערשטענס א „דיענסט“, א פרעמד געפונען קינד, אַ גלות פּראָדוקט, אַלזאָ פון זעהר אַ נידעריגען יחוס, און צווייטענס איז זי א גוואַלדיגע קראַפט, וועלכע לאָזט ניט פאַרווירקליכען די חלומות פון די אנהענגער פון יחוס און פונ'ם גרויען עבר.

ביידע צדדים האָבען דעריבער גלייך פיינט די אידישע שפּראַך. זיי ווילט זיך, אידיש זאָל וואָס גיכער פאַרשווינדען. זיי פאַנטאַזירען וועגען דעם, און אין דער'פאַנטאַזיע זייערע זעהן זיי שוין איהר טויט און גרייטען שוין פאָראויס צו דעם הספד אויף איהר. און ווען די אידישע שפּראַך הויבט זיך נאָך דעם הספד אויף אנטוויקעלטער, שטאַרקער און שעהנער ווי פריהער, זוכען זיי נייע באַווייזען וועגען דער קורציאָהריגקייט איהרער.

אַזוי האָבען זיך אין ניו יאָרק מיט א יאָהר דרייסיג צוריק געפונען נביאים, וואָס האָבען פאָראויסגעזאָגט, אַז אין א יאָהר צוואַנציג, פינף און צוואַנציג אַרום (פון יענער צייט אָן) וועט אין אַמעריקע פון אידיש קיין זכר ניט בלייבען. און איצט זעהען מיר גאָר, אַז אַנשטאַט צו טאָן א געפעליגקייט די שוואַרצזעהענדיגע פאָראויסזאָגער און אונטערגעהן, האָט די אידישע שפּראַך גאָר אויפגעבליהט אין אַמעריקע. מיר האָבען דאָ אַ מעכטיגע פרעסע, וועלכע שטעהט סיי לויט איהר אומפאַנג און סיי לויט איהר אינהאַלט מיט טויזענד קעפּ העכער ווי די פרעסע פון יענע צייטען; מיר האָבען דאָ אַ ליטעראַטור, וואָס איז שוין באַדייטענד און פאַרשפּרעכט צו זיין נאָך פיעל באַדייטענדער; מיר האָבען אַ אידישען טעאַטער, וואָס ווי ניט גוט ער איז, שטעהט ער דאָך ניט אין קיין ערך העכער ווי דאָס, וואָס ער איז דאַמאָלט געווען; מיר האָבען אַ א י ד י ש ע א י נ ט ע ל י ג ע נ ץ, וואָס לעבט אַרום די אידישע מאַסען און רעדט אידיש און שעהמט זיך ניט דערמיט; די אידישע שפּראַך איז אַלס „יידיש“, ניט אַלס זשאַרגאָן, אַנערקענט אין גאַנץ אַמעריקע. און וואָס עס איז לויט מיין מיינונג פיעל וויכטיגער — מיר הויבען שוין אָן צו האָבען אין אַמעריקע אַ אידישע שול, וועלכע גיט צו פרעסטיזש דער אידישער שפּראַך אין די אויגען סיי פון די קינדער, סיי פון די עלטערן און בינדט דערמיט מעהר צו דעם אידישען עולם צו זיין שפּראַך. די שול שאַפט אויך מעהר ווי אַלצדינג אַנדערס דעם באַוואוסטזיניגען אויסדרוק פון דער אַכטונג פון דעם אידישען עולם צו דער מאָדערנער אידישער קולטור און פון זיין ווילען צו באַהעפטען זיך וואָס ענגער און שטאַרקער צו אָט דער קולטור.

די ווירקליכקייט איז אַלזאָ געגען די שוואַרצזעהער; נאָר זיי באַהויפּטען דאָך, אַז דער אויפשוואונג פון אידיש איז אַ צייטווייליגער; זיי זאָגען, אַז די סיבה, איבער וועלכער אידיש האָט אין אַמעריקע זיך פאַרשטאַרקט און אַנטוויקעלט, איז די אידישע עמיגראַציע. און זאָל זיך די עמיגראַציע אָפּשטעלען, וועט איך משך פון איין דור די אידישע שפּראַך פאַרשווינדען. און בנוגע רוסלאַנד, פּוילען, גאַליציען און רומעניען, גיבען זיי אָן אַנדערע זאַכען. פאַר די לעצטע דרייסיג יאָהר, זינט די אידישע אַרבייטער און מיט זיי דער גאַנצער המון, די נאַטירליכע טרעגער פון דער אידישער שפּראַך, זיינען אַרויסגעטראָטען אַלס שטאַרקסטער פאַקטאָר פונ'ם אידישען געזעלשאַפטליכען לעבען, האָט די אידישע שפּראַך דאָרטען געמאַכט ניט קיין קלענערען פאָרטשריט, ווי אין אַמעריקע. זאָגען די שוואַרצזעהער, אַז די אורזאַך דערפון איז — וואָס מען האָט דאָרטען די אידען ניט דערלויבט צו לערנען זיך אָדער צו וואוינען אין טיעף רוסלאַנד. וואָלט מען זיי דאָס יאָ דערלויבט, וואָלטען די אידישע קינדער פאַרפלייצט די שולען, און די אידישע מאַסען וואָלטען זיך צעגאָסען איבער'ן ברייטען רוסלאַנד, זיי וואָלטען איבערגענומען די שפּראַך פון זייערע שכנים, און גאָר אין גיכען וואָלטען מיר דאָרטען אויך מעהר ניט געהערט קיין אידיש וואָרט.

לאָמיר דעריבער אַנאַליזירען די סיבות און בכלל די פראַגע. דאָס וואָס די אידען רעדען איצט אידיש, אַ שפּראַך, מיט וועלכער דאָס אידישע פאָלק איז ניט געבאָרען געוואָרען און אויף וועלכער עס האָט זיך ניט אויסגעהאָדעוועט אין דער יוגענד, נאָר וועלכע עס האָט איבערגענומען פון אַן אַנדער פאָלק, איז זעהר אַ גוטער אַרגומענט פאַר יענע, וואָס באַהויפּטען, אַז אידען דאַרפען איבערנעמען די שפּראַך פון לאַנד. „איהר זעהט — קענען זיי זאָגען — די אידען האָבען זיך קיינמאָל ניט פעסט געהאַלטען אָן זייער שפּראַך. אויף דער שפּראַך, אויף וועלכער זיי זיינען אַ פאָלק געוואָרען און דורכגעמאַכט די שעהנסטע עפּאָכע פון פּאָליטישער זעלבסטשטענדיגקייט — אויף העברעאיש — האָבען זיי גערעדט בלויז ביז'ן גלות בבל. ווען זיי זיינען געקומען פון בבל צוריק קיין ארץ ישראל, האָבען זיי שוין גערעדט אַראַמיש, הגם די ליטעראַטור איז נאָך אַ לענגערע צייט געווען אויף העברעאיש; און שפּעטער האָבען זיי אויך שרייבען אָנגעהויבען אויף אַראַמיש און זיי האָבען אויף דער שפּראַך געשאַפען אַזעלכע קאַפּיטאַלע ווערק ווי דער תלמוד און די מדרשים. שפּעטער האָבען זיי אין אַלעקסאַנדריע און אין אַנדערע גריכישע פּראָווינצען גערעדט און געשאַפען אין גריכיש; אין די אַראַבישע געגענדען האָבען זיי גערעדט און געשאַפען אין אַראַביש; אין שפּאַניען האָבען זיי אָנגעהויבען צו רעדען שפּאַניש און אין די גערמאַנישע לענדער האָבען זיי איבערגענומען אַ טייטשען דיאַלעקט. ווייזט דאָס דען ניט, אַז עס ליעגט שוין אין דער אידישער נאַטור צו בייטען זייער שפּראַך און אָננעמען אַלע מאָל פון דאָס ניי די שפּראַך פונ'ם לאַנד אין וועלכען זיי קומען?“

דאָס וואָלט אָבער געווען אַן אַרגומענט בלויז דאַמאָלט, ווען די געשיכטע וואָלט געהאַלטען פון אַנאַלאָגיעס און ווידערהאָלונגען און וואָלט יעדעס מאָל איבערגעמישט איהרע בלעטער כדי נאָכצוקוקען ווי עס האָט שוין איין מאָל פּאַסירט און כדי נאָכקאָפּירען די פריהערדיגע געשעהעניש. אָבער דאָס לעבען שטעהט ניט אויף איין אָרט, עס אַנטוויקעלט זיך; עס שאַפען זיך נייע סיטואַציעס, נייע ווירקענדע קרעפטען, נייע אורזאַכען און מאָטיוועס. און צוזאַמען דערמיט בייטען זיך אויך די רעזולטאַטען.

שוין דאָס אַליין, וואָס די זעלבע אידען, וועלכע האָבען אין די גערמאַנישע לענדער איבערגענומען איינעם פון די גערמאַנישע דיאַלעקטען, האָבען אין אַ משך פון אַכט־ניין הונדערט

יאָהר צווישען נייע פעלקער — פּאָליאַקען און רוסען — ניט אויפגעגעבען אָט דעם דיאַלעקט, ניט אָנגענומען די שפּראַכען פון די נייע לענדער, אין וועלכע זיי זיינען געקומען, נאָר האָבען פאַרקעהרט אָט דעם דיאַלעקט גוואַלדיג אנטוויקעלט און פאַרוואַנדעלט איהם אין אַ נייער שעהנער, בויגעדיגער, לייכטער און רייכער שפּראַך, — שוין דאָס אַליין מאַכט דעם גאַנצען פריהערדיגען אַרגומענט צו גאָרנישט.

עס זיינען נאָך ביז איצט ניט גענוי דערקלערט געוואָרען די סיבות, איבער וועלכע די אידען אַמאָל, אין דער אַלטער צייט און אין מיטעלאַלטער, פלעגען לייכטער איבערנעמען און מאַכען פאַר זייערע די שפּראַך פון'ם לאַנד, אין וועלכען זיי פלעגען קומען. דאָ האָט זיכער געווירקט 1) דאָס, וואָס העברעאיש, די שפּראַך פון די הייליגע ביכער און פון דער רעליגיאָן, האָט לאַנג אויפגעהערט צו זיין די לעבעדיגע אומגאַנג־שפּראַך פון די אידען און אין דער נייער שפּראַך, אויף וועלכער זיי האָבען גערעדט, האָבען זיי ניט געהאַט אַזעלכע ווערק, וואָס זאָלען דער שפּראַך צוגעבען אַ באַזונדער חן און הייליגקייט און צובינדען צו איהר די מאַסען. 2) עס איז נאָך דעמאָלט ניט אַריינגעדרונגען אין די אידישע מאַסען די תלמוד'ישע אידישקייט מיט איהרע אָהנצאָהליגע סיגים, וועלכע האָבען די אידען געהאַלטען ווייט פון דער אַרומיגער באַפעלקערונג און צוגעוועהנט זיי צו קוקען אויף דער לעצטער פון אויבען אַראָפּ, ווי אויף אַן עם הדומה לחמור. 3) עס האָט זיך דעמאָלט נאָך ניט געהאַט איינגעוואָרצעלט ביי דער אַרומיגער באַפעלקערונג דאָס קאַטוילישע קריסטענטום מיט זיין שנאה צו די אידען און מיט זיין גייסט פון פאַרפאָלגונגען, דערנידערונגען פון אויסנאַהמליכקייט, וואָס האָט שפּעטער די אידען געצוואונגען אַריינצוציהען זיך אַלץ מעהר אין זייער אייגענער סביבה, אין זייער געטאָ; אין יענע צייטען האָבען די אידען גאַנץ אָפט נאָך געלעבט פריינדליך מיט דער אַרומיגער ניט אידישער באַפעלקערונג, פלעגט זי איינלאַדען צו זיך אויף שמחות און אָפטמאָל אפילו מתחתן זיין זיך מיט איהר, בכלל געקומען מיט איהר אין נעהענטערע, ניט בלויז אָפיציעלע און האַנדעלס־באַציהונגען. 4) דער צושטאַנד פון די שפּראַכען בכלל און די באַציהונג צו זיי מצד די, וואָס האָבען אויף זיי גערעדט, איז געווען גאַנץ אַנדערש פון די איצטיגע. דעמאָלט זיינען די נייע אייראָפּעאישע שפּראַכען, אויף וועלכע עס איז נאָך ניט געווען קיין ליטעראַטור, געווען אין אַ צושטאַנד פון פליסיגקייט. זיי האָבען זיך געהאַלטען אין איין ענדערען, אין אַריינעמען נייע עלעמענטען, אין דיפערענצירען זיך. דער מישמאַש פון דער גרויסער פעלקער־וואַנדערונג האָט אויף אַ צייט אַריינגעבראַכט אַ מאַשמאַש אויך אין די שפּראַכען. איין פאָלק, אָדער ריכטיגער, שבט, פלעגט באַזיעגען דעם צווייטען, זיך צונויפגיסען מיט איהם; און צוזאַמען דערמיט פלעגען זיך צונויפגיסען אויך זייערע שפּראַכען און אין אַ משך פון עטליכע דורות פלעגט פון זיי ביידען אויסוואַקסען איין נייע שפּראַך. אָט די שפּראַכען־פליסיגקייט, די אומאייגענזעסענקייט און די שנעלע אנטוויקלונג פון די שפּראַכען; דאָס וואָס פיעלע פעלקער האָבען געהאַלטען אין בייטען זייערע שפּראַכען, האָט אויך געווירקט אויף די אידען און אויף זייער באַציהונג צו דער שפּראַך. עס איז אַ כלל גדול פון דער גאַנצער אידישער גלות־געשיכטע, אַז „ווי עס קריסטעלט זיך, אַזוי אידעלט זיך". און 5) די אידען זיינען דעמאָלט אומעטום געווען אין אַ פאַרהעלטניסמעסיג קליינער צאָהל. און אויב זייערע קהילות אַלס צענטרען האָבען פאַרמאָגט גענוג ווידערשטאַנד־קראַפט (און דאָס אויך ניט אַלעמאָל) בנוגע דער רעליגיאָן, וועלכע איז אין משך פון דעם גאַנצען מיטעלאַלטער געווען דער יסוד, דער גרונדשטיין פון דער און יענער וועלט, פון פילאָזאָפיע און וויסענשאַפט; וועלכע האָט דורכגעדרונגען אַלע ווינקעלעך פון טעגליכען לעבען: פון פאַמיליע, פון געזעלשאַפט, פון באַציהונג צווישען איין מענש און די אַנדערע און פון מעניש'ען צו זיך אַליין; וועלכע האָט אַרומגענומען דעם געדאַנק און דאָס געפיהל, קורץ דאָס גאַנצע לעבען, און וועלכע מען האָט נאָך אויסער דעם געוואָלט אַרויפצווינגען אויף זיי מיט געוואַלט, — זיינען אָבער די קליינע קהילות געווען ניט אימשטאַנד ווידערצושטעהן דעם דרוק פון די נייע שפּראַכען, באַזונדערס, ווען מען האָט דאָס אויף זיי ניט אַרויפגעצוואונגען און ווען די אַרומיגע וועלט האָט ניט געהאַלטען פאַר קיין זינד און פאַר קיין „שלעכטען טאָן" די שפּראַך צו בייטען.

גאַנץ אַנדערש אָבער איז געוואָרען די לאַגע שפּעטער, אין סוף פון מיטעלאַלטער און אין דער נייער צייט. פריהער איז די שפּראַך געווען בלויז אַ מיטעל פון פאַרקעהר, אַן אינסטרומענט דורך וועלכען מענשען קאָנען זיך מאַכען פאַרשטעהן איינער דעם אַנדערען. ווען ביים פאָלק אָבער האָט זיך אָנגעקליבען אַ גרויסע צאָהל ערפאַהרונגען סיי פון מאַטעריעלען סיי פון גייסטיגען לעבען; ווען עס האָט זיך ביי איהם אָנגעזאַמעלט אַ גרויסער צוגאָב פון איבערלעבונגען, פיהלונגען, געדאַנקען, באַגריפען פון גוטסקייט, שעהנקייט, דערהויבענקייט א. ד. ג.; ווען עס האָט זיך ביי איהם אנטוויקעלט אַ רייכע גייסטיגע וועלט און עס האָט אויסגעדריקט אָט די גייסטיגע וועלט אין זיין שפּראַך — צוערשט מינדליך און דערנאָך אויך שריפטליך אין דער פאָרם פון ליטעראַטור, — דעמאָלט האָט די שפּראַך אויפגעהערט צו זיין בלויז אַן אינסטרומענט און די באַציהונג צו איהר — בלויז ווי צו אַן אינסטרומענט. יעדער איינער פון פאָלק האָט צוזאַמען מיט דער שפּראַך איינגעזאַפּט די גאַנצע קולטור פון זיין פאָלק, די אַלע גייסטיגע רייכטימער, וואָס זיין פאָלק פאַרמאָגט, און לעבען מיט אָט דער קולטור, אויסדריקען זי און פיהלען דעם גאַנצען פאַרגעניגען פון גייסטיגע איבערלעבונגען האָט דער מענש געקאָנט נאָר אין זיין שפּראַך, אין דער שפּראַך פון זיין פאָלק. און וואָס מעהר די ברייטע מאַסען פון יעדען פאָלק האָבען אָנגעהויבען אַריינצוזאַפּען אין זיך די קולטור פון פאָלק און אַרויסגעבען פון זיך אינטעליגענטע קרעפטען, וואָס זאָלען די קולטור אנטוויקלען ווייטער, אַלץ מעהר האָט די שפּראַך פון די מאַסען אָנגעהויבען צו שפּיעלען אַ ראָליע אין דער ליטעראַטור פון פאָלק.

פריהער, ווען די מאַסען זיינען געווען פאַרשקלאַפּט, איז כמעט ביי אַלע אייראָפּעאישע פעלקער די לאַטיינישע שפּראַך געווען די שפּראַך פון דער קירכע, פון דער שול און פון דער ליטעראַטור. דאַמאָלסט האָבען פון דער ליטעראַטור געקאָנט געניסען נאָר יחידי סגולה, נאָר געלערנטע, און געהאַנדעלט האָט זיך אין דער ליטעראַטור אַלץ וועגען הויכע זאַכען און געוועהנליך וועגען זאַכען, וואָס האָט מיט'ן לעבען פון די מאַסען גאָרנישט צו טאָן. און די תפילות אין דער קירכע זיינען אויך פון זעהר ווייניג דאַווענער פאַרשטאַנען געוואָרען. ווען די מאַסען אָבער זיינען געוואָרען פרייער, האָבען זיי אָנגעהויבען צו פאָדערען, אַז זייער שפּראַך — די אייגענע, ניט די פרעמדע לאַטיינישע — זאָל ווערען ערשטענס די שפּראַך פון דער קירכע. דאָס איז געווען איינע פון די גרונד־פאָדערונגען פון דער באַוועגונג פאַר רעפאָרמאַציע. פון די מאַסען גופא — און ניט בלויז פון די פּריצים — האָבען גענומען אַרויסוואַקסען אינטעליגענטען — שרייבער, געלערנטע, וועלכע האָבען שוין געשריבען אין דער שפּראַך פון די מאַסען, כדי יענע זאָלען דאָס פאַרשטעהן אָהן אַן אומזיסטער און אָפטמאָל אַן אַרויסגעוואָרפענער אַרבייט פון לערנען לאַטיין. דאָס לעבען פון פאָלק — זיינע איבערלעבונגען, מנהגים, פריידען און ליידען זיינען געוואָרען די טעמען פאַר דער ליטעראַטור. די לעצטע איז געוואָרען אַלץ לעבעדיגער, אינטערעסאַנטער און פאַרשטענדיגער פאַר'ן פאָלק. מיט דער צייט איז זי געוואָרען אַן אומאָפּטיילבאַרער טייל פון דעם גאַנצען פאָלק און צוזאַמען מיט איהר — די שפּראַך, אויף וועלכער די ליטעראַטור איז געשריבען געוואָרען. ביים פאָלק האָט זיך אנטוויקעלט אַ ליעבע צו דער ליטעראַטור, וועלכע פאַרשאַפט איהם אַזוי פיעל גייסטיגען פאַרגעניגען, און צו דער שפּראַך, אויף וועלכער זי איז געשריבען.

און פונקט ווי ביי אַנדערע פעלקער איז דער פּראָצעס פון צוגעבונדענהייט צו דער שפּראַך געגאַנגען אויך ביי אידען, נאָר אַ ביסעל מיט אַ פאַרשפּעטיגונג, ווייל די אידען זיינען ביז דעם לעצטען האַלבען יאָהרהונדערט בכלל געווען אָפּגעשטאַנען פון אַנדערע און געלעבט און אנטוויקעלט זיך ניט אַזוי שנעל.

---

דער מאַן און די פרוי צוזאַמען — דאָס איז ערשט דער גאַנצער מענש. — קאַנט.

**קומט צום ברענטש מיטינג און נעמט אַן אויף זיך אַרבייט. געהט אַוועק פון ברענטש מיטינג און טוט זי.**



# דאַניִלאַ

(אַ קינדער מעשה'לע)

פון מלכה טוזמאַן



ווער דאַנילאַ איז געווען און פון וואַנען ער איז געקומען האָבען מיר, קינדער, ניט געוואוסט. מיר האָבען נאָר געוואוסט אַז דאַנילאַ איז אונזער גוי. זומער האָט ער געהיט די יאַגדעס ביי אונז אין וואַלד און ווינטער האָט ער געהייצט אונזערע הרובעס. די אידען אין דאָרף האָבען איהם גערופען „דער אידישער גוי“, ווייל ער איז אַלע מאָל געווען מיט די אידען, און געהאַלטען האָט מען איהם פאַר אַ זעהר עהרליכען. „דאַנילאַ — פלעגט מען זאָגען — וועט קיינמאָל ניט נעמען עפּעס ביז מען וועט איהם אליין ניט געבען. עס מעג ליגען גאָלד, וועט ער ניט טשעפּען“. די אידען האָבען טאַקע געהאַט אַ נוץ פון דאַנילאַ'ן. איז געקומען אַ גאַסט און מען האָט באַדאַרפט אַ פּאָר עמער פרישע קוואַל־וואַסער פאַר'ן סאַמאָוואַר, האָט דאַנילאַ מיט חשק אַוועקגעמאַרשירט מיט אַ יאָך פון צוויי עמער איבער'ן אַקסעל ווייט, ווייט אונטער'ן באַרג און האָט געבראַכט די נויטיגע וואַסער. האָט זיך עמיצען פאַרוואָלט אַ היהנדעל אויף שבת, האָט דאָס געמעגט זיין זומער אין דער גרעסטער היץ, אָדער ווינטער אין דער גרעסטער קעלט, דאַנילאַ האָט אַריינגעלייגט דאָס היהנרעל אין אַ זעקעל און עס אַרויפגעוואָרפען אויפ'ן פּלייצע און איז אַוועק אין שטערטעל צום שוחט. קיין גרויסען שכר האָט דאַנילאַ דערפאַר ניט געוואָלט. אַלעס וואָס ער האָט געדאַרפט איז, אַז מען זאָל איהם לאָזען באַקען קאַרטאָפעל ביי'ם אויווען אָדער ביי דער הרובע. און אַז דאַנילאַ האָט עפּעס געפיהלט ניט מיט אַלעמען איז געווען גענוג איהם דערלאַנגען אַ פּאָר שטיקלעך ווייסע חלה מיט צוקער און אונזער דאַנילאַ איז ווידער געוואָרען פריש און געזונד.

מיר, קינדער, זיינען געווען זעהר שטאַרק צוגעבונדען צו דאַנילאַ'ן און מיר האָבען זיך ניט געקענט פאָרשטעלען ווי די וועלט וואָלט אויסגעזעהן אָהן אַ דאַנילאַ'ן. זומער פלעגט אונז דאַנילאַ ברענגען פון וואַלד פולע טאָרבעס מיט שוואַרצע און בלויע יאַגדעס און עס אַריינשיטען אין אַ „דייזשע“, וואָס איז געשטאַנען ביי אונז אין קאַמער, און אַוועק צוריק אין וואַלד. איך, די עלטסטע, פלעג גלייך צוזאַמענגעמען די גאַנצע חברה קינדער און אַריין אין קאַמער און זיך מאַכען אַ מאָלצייט פון פרישע, זאַפטיגע יאַגדעס. די מאַמע האָט זעלטען געוואוסט, ווען דאַנילאַ איז געקומען פון וואַלד, אָבער אַז מיר זיינען אַרויסגעקראָכען פון קאַמער מיט שוואַרצע מיילער און צונגען, האָט זיך שוין די מאַמע געכאַפּט, אַז דאַנילאַ איז געווען און האָט געבראַכט יאַגדעס. באַלד פלעגט די מאַמע צולעגען אַ פייער פון שפּענער אין מיטען הויף און אויף שנעל אָפּפּרעגלען די איבערגעבליבענע יאַגדעס. זי האָט רק מורא געהאַט מיר זאָלען זיך איבערעסען. און אַז די מאַמע האָט געפּרעגעלט איז פאַר אונז אויך געווען אַ שטיקעל יום־טוב. מיר פלעגען זיך גלייך אַרומזעצען אַרום פייער און בעטען דער מאַמע זי זאָל אונז געבען די פּערע (דאָס אויבערשטע וואָס מען שוימט אָפּ). די מאַמע פלעגט זיך טאַקע בייזערען, אָבער דאָך האָט זי געגעבען, אַבי זיך אָפּטשעפּען פון אונז. און מיר פלעגען שטיל אין האַרצען בענשען דאַנילאַ'ן, ווייל ווען ניט דאַנילאַ וואָלט דאָך ניט געווען קיין יאַגדעס און ניט קיין פּערע. ווען די יאַגדעס האָבען זיך אונז שוין דערעסען, האָבען מיר מיט אונגעדולד געוואַרט אויפ'ן ווינטער. מיר האָבען בעסער ליעב געהאַט ווינטער, ווייל ווינטער איז דאַנילאַ געווען מעהר מיט אונז. דורך די טעג פלעגט ער זיך אַרומדרעהען אין הויף. דאָ אַ שטיקעל האָלץ צוהאַקט, דאָרט אַ פּאָר שפּענער אויפגעקליבען און פאַרוואָרפען אויפ'ן אויווען זיך טריקענען, אָפּגעשאַרט דעם שנעע אַרום הויז. אָבער אין אָוועגד איז ער געווען אין גאַנצען מיט אונז. דאַנילאַ פלעגט זיך אַוועקזעצען קעגען הרובע־פייער און פּאָרקען די קאַרטאָפעל מיט אַן אייזערנעם שטעקעלע און מיר אַלע אַרום איהם, און ער פלעגט אונז דערצעהלען מעשות. פון וואַנען דאַנילאַ האָט אַזוי פיעל שעהנע מעשות געקענט ווייס איך ניט. נאָר יעדעס מאָל וואָס ער האָט דערצעהלט איז געווען עפּעס נייעס, וואָס האָט אונז אַלעמען פאַראינטערעסירט.

אין איין קאַלטען ווינטער אָוועגד זיינען מיר אַלע צוזאַמען מיט דאַנילאַ'ן געזעסען אַרום הרובע און דאַנילאַ האָט ווי געוועהנליך געשטורכעט דעם פייער מיט'ן שטעקעלע און האָט אונז אָנגעהויבען דערצעהלען אַ שעהנע מעשה, וואָס ער אַליין האָט דאָס געזעהן און געהערט ביינאַכט אין וואַלד. מיר זיינען אַלע געזעסען שטיל מיט אָפענע מיילער און זיך צוגעהערט. די מעשה איז געווען וועגען אַן אַלטען בעטלער. דאַנילאַ האָט ליעב געהאַט דערצעהלען אַ זאַך מיט אַלע קליפּערלעך. יעדע זאַך נאָכמאַכען און נאָכקרומען, און דעם מאָל האָט דאַנילאַ געדאַרפט נאָכמאַכען דעם אַלטען בעטלער. מיר האָבען זיך צורוקט, געמאַכט מעהר פּלאַץ פאַר איהם און דאַנילאַ האָט זיך אויפגעשטעלט אונז ציינען, ווי דער אַלטער בעטלער האָט זיך געטרייסעלט פאַר אַלטקייט, און דאָ האָט עפּעס ניט פרעהליכעס פּאַסירט. דאַנילאַ האָט זיך געגעבען אַ צו־שטאַרקען טרייסעל און עס האָט אָנגעהויבען פאַלען פון בוזעם שטיקלאַך צוקער. מיר, דערזעהענדיג דאָס, האָבען מיר אַרויסגעלאָזען אַ גרויס געלעכטער, אָבער דאַנילאַ האָט זיך דערשראָקען און איז אַרויסגעלאָפען פון הויז. מיר האָבען גלייך פאַרשטאַנען, אַז דאָס מוז בלייבען אַ סוד און מיר האָבען צווישען זיך אָפּגעמאַכט דער מאַמען וועגען דעם ניט דערצעהלען און מיר זאָלען מיט דאַנילאַ'ן פאַרבלייבען דיזעלבע גוטע פריינד. אָבער דאַנילאַ איז שוין צוריק ניט געקומען. עס זיינען אַוועג טעג און וואָכען און קיינער האָט ניט געוואוסט, וואו דאַנילאַ איז אהינגעקומען, ביז איין טאָג, ווען מען האָט גענומען דרעשען תבואה ביי אונז אין שייער, האָט מען דאַנילאַ'ן געפונען הענגענדיג איבער אַ סטאַג קאָרן.

אַ לאַנגע צייט האָבען מיר געטרויערט נאָך דאַנילאַ'ן און די מאַמע, דערוויסענדיג זיך פאַר וואָס דאַנילאַ האָט זיך געהאַנגען, האָט געזאָגט: „וואָס פאַר אַן עהרליכער גוי דאַנילאַ איז געווען, איבער אַ פּאָר גע'גנב'עטע שטיקלאַך צוקער האָט ער ניט געקענט מעהר דער וועלט אין די אויגען קוקען“...

---

אַן אַרויסגעפּאַלענער מעמבער האָט אייך היינט באַמערקט אַדורכגעזהן. ער האָט געדענקט איהר וועט זיך אָפּשטעלען און איינלאַדען איהם צוריק צו ווערען אַן אַ. ר. מיטגליעד. ער איז געווען גרייט צו טון דאָס. האָט איהר איהם נישט באַמערקט?

היינט ברענגט יעדע מינוט אַ געבורט פון אַ נייער געשעהעניש און יעדער פרישער טאָג קומט אָן אַן איבעררעשטער, מיט פאַרוואונדערטע אויגען — ער דערקענט נישט דעם אָרט, די מענשען און זייערע אידעען.

---

דאָס פאַרצייטיגע אידעאַלע פאַמיליע־לעבען צוזאַמען מיט די היינטיגע מאָדערנסטע הויז־פאַרלייכ




## שטויב־געפאהר

שטויב איז אין אלע צייטען און אונטער אלע אומשטענדען געפעהרליך פאר אונזערע אויגען, נאז, האלז און לונגען. עס פארשטאפט אויך די פארען, אדער די שפעלטעלאך פון אונזער הויט. אין צייטען פון מגיפות, אבער, איז עס נאך געפעהר־ליכער מיט דעם, וואס יעדערער איז אויסגעשטעלט קראנק צו ווערען, אויב שטויב דרינגט אריין אין אונזער נאז אדער מויל. די אינפלוענציא עפידעמיע, וואס בושעוועט יעצט אין דעם גרעסטען טייל פון די פאראייניגטע שטאאטען, ווערט פאר־שפרייט אויך דורך דעם שטויב. איהר וועט דאריבער טון א גוטע זאך, אויב איהר וועט נעמען אויסשפריצען מיט ריינע וואסער אייערע צימערען איידער איהר געהט אויסקעהרען. ווען איהר קעהרט שוין טוט עס ניט מיט רוגזה און מיט אימפעט, נור גרינג און פאמעליך, נישט אויפהויבענדיג דעם שטויב אין דער לופטען. האלט אויך אפען דאן די פענסטער אונטען, נאך א לענגערע צייט נאכדעם. שפעטער עפענט די פענסטער פון אויבען. דאס וועט ארויסציהען פון שטוב רעם שטויב. כדי פאלשטענדיג ארויסנעמען דעם שטויב פון די לופט נעמט א ברייטע, לאנגע ליילאך איינגענעצט דורך און דורך מיט וואסער, און פיהרט איהר אדורך, זאלבע צווייט, אין דער גאנ־צער לענג און ברייט איבער'ן צימער. דאס שטויב פון דער לופט וועט זיך אנזעצען אויפ'ן ליילאך און די לופט וועט זיין פריי פון שטויב.

שטויבט אויך ניט קיין קליידער אדער בעט־געוואנד אין שטוב. נעמט עס ארויס אין יארד, אדער אין גאס, ווען מענ־שען געהען נישט פארביי, און קלאפט עס אויס, אטעמענדיג דערביי מיט'ן נאז און נישט מיט'ן מויל.

* * *

## וואשען די ווענט

עס איז אויך וויכטיג אין צייט פון עפידעמיע, אז די ווענט זאלען זיין ריין און נישט אנגעזעצט מיט שטויב ווי גע־וועהנליך. איבערהויפט האבען די לענדלארדס דיעזען יאהר ווייניג געקימערט זיך צו איבערמאלען די רומס, אדער אזוי אפ־צופרישען זיי. אויב איהר זייט גליקליך גענוג צו האבען גע־מאלענע ווענט קענט איהר זיי ריינינגען אויף פאלגענדען אופן: נעמט צוויי אונצעס באַרעקס (אין דראג־סטאר) און צומישט עס גוט מיט צוויי קווארט וואסער. יעצט לעגט נאך אריין א טעע־לעפעלע אמאניא. גיסט דאן אריין א העלפט דערפון אין א געוועהנליכען וואש־עמער, אהן זייף, און וואשט מיט דעם די ווענט. די אנדערע העלפט קענט איהר באנוצען פאר נאך אן עמער וואסער. נאך דעם ווי די ווענט זיינען שוין אפ־געוואשען נעמט א ריינעם ווייכען טוך און רייבט פארזיכטיג די ווענט ביז זיי ווערען טרוקען.

* * *

## אווערטיים

אונזערע באסעס יאגען אונז צו היינטיגע צייטען מעהרער צו ארבייטען און טוען אונז נאך א גרויסע טובה ווען זיי צאהלען „אווערטיים". מיר ווארענען זעהר אונזערע מעמבערס נישט צו איבערארבייטען זיך אין דער יעצטיגער אינפלוענציא־מגיפה, ווייל עס קען זיין פאטאל פאר'ן געזונד און מעגליך אויך פאר'ן גאנצען לעבען. אינפלוענציע גרייפט אן די אויסגעמאטערטע און איבערגעארבייטע גיכער ווי אויסגערוהטע מענשען. נור אין אויסנאהמספאלען שטימט איין אויף „אווערטיים"־ארבייט און דאס אויך אין א באגרעניצטער מאס. ..

* * *

וואשען זיך צום עסען איז שטענדיג א גוטע מידה, בפרט יעצט, אין צייט פון עפידעמיע. וואשט זיך און איהר מעגט נישט מאכען א ברכה „על נטילת ידים".

* * *

## הארטע אלטע פרוכט

עס טרעפט אמאל דאס אייערע ציטרינגען ווערען איינגע־דארט און פארטריקענט, ראזינקעס איינגעקורטשעט און פאר־שטיינט אדער אראנדזשעס פארלעגען און איינגעשרומפען — וואדפט עס נישט ארויס. לעגט עס אריין אין א ווארעמען אויווען אויף עטליכע מינוטען און זיי וועלען זיך אבפרישען ווי א נעכטיגע בולקע. געבדויכט עס גלייך.

* * *

## גרינס קאכען

איידער איהר געהט קאכען שטשאוו אדער אנדערע גרינסען לעגט זיי אריין פאר איין שעה אין קאלטע וואסער מיט איין לעפעל עסיג. די ווערים וועלען זיך אויף אזא אופן אפטראגען פון די בלעטלאך אויף וועלכע זיי האלטען זיך. וואשט עס דערנאך איבער אין נאך א וואסער.

וואס איידעלער דער מין גרינס איז אלץ פאמעליכער דארף עס געדעמפט, אדער געקאכט ווערען, אין א גאנץ ווייניג ביסעל וואסער. עס דארף זיך קאכען אזוי לאנגזאם ביז דאס וואסער ווערט אויסגעקאכט.

שטארק געווירצטע גרינסען דארפען, פארקעהרט, געקאכט ווערען שנעל, אין פיעל וואסער און איבערבייטען עטליכע מאל דאס וואסער דורכ'ן קאכען.

פאטייטאס דארף געקאכט ווערען שנעל אין פ י ע ל וואַ־סער און צוגעדעקט מיט א דעקעל. איבערהויפט אויב איהר האט ניט קיין פיעל צייט צו קאכען פאטייטאס, ווייקט זיי פריהער איבער נאכט, שוין אפגעשאבענע, אין קאלטע וואסער. עס וועט נור דויערען א העלפט צייט די פאטייטאס זאלען ווערען פארטיג. זעהט זיי גלייך צו געברויכען ווי זיי ווערען נור פארטיג. קאלטע פאטייטאס איז פונקט אזוי געשמאק ווי א הייסער „פאטריאט" פון דער „סעקיורידיטי ליעג".

---

טערונגען קענט איהר נור קאמבינירען אונטער א סאציאליסטישער ארדנונג. ארבייט פאר איהם!

# זיצונגען פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע א. ר.

דער רעגולאַר מאָנאַטליכער מיטינג פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע ווערט אָפּגעהאַלטען מאָנטאַג אָבענד, דעם 19טען סעפּטעמבער, מיט פריינד אב. עפּשטיין אַלס טשערמאַן.

## צושריפטען.

פון ברענטש 162, שיקאַגאָ — רעקאָמענדירען, אז דער באַשלוס פון דער פאַראַיאָהריגער קאָנווענשאָן אין באַצוג נייע מעמבערס אין דרעפט עלטער זאָל זיין גילטיג אויך יעצט; אז נייע מעמבערס, וועלכע וועלען אריינגענומען ווערען אין ארבייטער רינג ביז איבער דער מלחמה, זאָלען זיך קענען אָנשליסען בלויז אין 4טען קלאַס, מיט דער פארשטענדניס, אז נאָך דער מלחמה זאָלען זיי זיך קענען טראַנספערירען אין אירגענד וועלכען קלאַס. זיי דענקען, אז דאָס איז דער זיכערסטער וועג צו פאַרהיטען דעם ארבייטער רינג פון גרויסע פארלוסטען.

עס ווערט באשטימט זיי ענטפערען, אז דער לעצטער באַשלוס פון דער עקזעקוטיוו איז פאַקטיש געשטיצט אויף דעם באַשלוס פון דער קאָנווענשאָן בנוגע דער זעלבער פראַגע. דער אויסנאַהם וואָס ווערט געמאַכט מיט פאַרהייראַטע מענער אריינצונעהמען זיי אין אירגענד וועלכען קלאַס, אויב זיי קומען אריין מיט זייערע פרויען, קען ניט מאַכען קיין ראַדיקאַלע ענדערונג אין דעם סורפּלוס פון די ארבייטער רינג פאָנדס, ווען אפילו מאַנכע פון זיי זאָלען גערופען ווערען אין מיליטער־דיענסט און פאַלען אַלס קרבנות פון דער מלחמה.

—

פון דער פעדעראַציע פון אידישע קאָאָפּעראַטיווען אין אַמעריקאַ — שרייבען, אז זיי האָבען געלעזען אין סעפּטעמבער נומער „פריינד" דעם באַשלוס פון דער עקזעקוטיוו זיך אָנצושליסען אָן זייער קערפּערשאַפט און בעטען צו שיקען זיי דעם אָפּיציעלען באַשלוס שריפטליך, פאַר וועלכען זיי וועלען זעהר דאַנקבאַר זיין. דער סעקרעטער ווערט בעאויפטראַגט צו שיקען זיי אַזאַ בריעף.

## קאָמיטעס.

פון דער סאָצ. פּאַרטיי לאָקאַל ניו יאָרק — די געגנאָסען נערבער און לאָוב ערקלערען, אז עס זיינען דאָ גוטע אויסזיכטען צו ערוועהלען סאָציאַליסטישע קאָנגרעסלייט אין 12טען, 13טען און 20טען דיסטריקטען. זיי בעטען צו געבען זיי די אדרעסען פון אַלע אַרבייטער רינג מעמבערס, צו ווענדען זיי ווילען אַפּעלירען פאַר באַשטייערונגען פון 10 סענט ביז 10 דאָלאַר פּער'ן קאַמפּיין.

נאָך אַ קורצער דעבאַטע, אין וועלכער עס ווערט אָנגעדייטעט, אז דאָס וועט שטערען אונזער קאַמפּיין צו העלפען שאַפען דעם מיליאָן דאָלאַר פאָנד, ווערט באשטימט זייער פאַרלאַנג ניט צו באַווילינגען.

—

פר. מעלצער, פאַרטרעטער פון די מאַנטרעאַלער ברענטשעס, ערקלערט, אז די פראַגע וועגען לעגאַליזירען דעם ארבייטער רינג אין קאַנאַדע איז זעהר וויכטיג. זיי רעקאָמענדירען אז מען זאָל זיך שטעלען אין פאַרבינדונג מיט אַ באַוואוסטען לאָיער און צוזאַמען מיט איהם זעהן טון די לעגאַלע ארבייט.

דער טשערמאַן, פר. אב. עפּשטיין, ערקלערט איהם, אז די לעגאַל קאָמיטע פון דער עקזעקוטיוו טוט די פאַרברייטונגס־ארבייט, און אין וויכטיגע שריטע וועט דיעזע קאָמיטע זיך, וואַרשיינליך, בעראַטען מיט די דאָרטיגע ברענטשעס.

* * *

פריינד שפּייער בעריכטעט, אז ער איז געוועזען פאַרטראַטען ביים 10־יעהריגען יובילעאום פון ברענטש 210. ער האָט זיי באַגריסט אין נאָמען פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו און זיי האָבען איהם זעהר וואַרים און פריינדליך אויפגענומען. זיי האָבען אויך אַ באַנקעט, צו וועלכען ער איז אייגנגעלאַדען געוואָרען. ער האָט דאָרט גערעדט וועגען ארבייטער רינג און וועגען דעם מיליאָן דאָלאַר פאָנד. אויף זיין אַפּיעל איז אויפ'ן פּלאַץ געשאַפען געוואָרען 125 דאָלאַר פאַר דעם פאָנד. מיט אַ קורצער צייט צוריק האָט דער ברענטש בייגעשטייערט 25 דאָלאַר פאַר דעם זעלבען צוועק.

באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

—

פריינד יעלין באַריכטעט, אז ער איז געוועזען פאַרטראַטען ביים מאַס־מיטינג פון ברענטש 510, וואָס איז אראַנזשירט געוואָרען פאַר דעם צוועק צוצוציהען נייע מיטגליעדער. ער האָט גערעדט וועגען ארבייטער רינג און זיינע אויפגאַבען. דער רעזולטאַט פון מיטינג איז געוועזען, דאָס 34 נייע מעמבערס האָבען זיך אָנגעשלאָסען.

באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

—

פריינד דייווידאָף, טשערמאַן פון דער אָפּיס קאָמיטע, ערקלערט, אז די אָפּיס קאָמיטע האָט באַשלאָסען צו אינוועסטען ביז 50,000 דאָלאַר אין סערטיפייד מאָרטגיידזשעס פון דער טייטעל גאַראַנטי און טראַסט קאָמפּאַני. אַזוי־ווי די אָפּיס קאָמיטע וועט, פיליי כט, ניט האָבען קיין מעגליכקייט היינט צו רעפּאָרטען, וואָלט געוועזען ווינשענסווערטה, אז די נאַצ. עקזעקוטיוו זאָל האַנדלען וועגען דעם פּונקט.

דער באַשלוס פון דער אָפּס קאָמיטע ווערט גוטגעהייסען.

## סעקרעטער'ס רעפּאָרט.

פריינד באַסקין באַריכטעט, אז דרוקען באַזונדער די 22 זייטען טאַבעלען וועט דאַרפען קאָסטען 235 דאָלאַר און דרוקען זיי אין „פריינד" וועט דאַרפען קאָסטען אונגעפעהר די זעלבע סומע. — עס ווערט באַשלאָסען צו דרוקען די טאַבעלען אין „פריינד".

די נייישאַנאַל קאָמיטע פון דער רעפּובליקאַנער פּאַרטיי האָט געבעטען צו געבען זיי אינפאָרמיישאָן וועגען ארבייטער־רינג, ווייל זיי קלויבען אַלגעמיינע אינפאָרמיישאָן וועגען קאָאָפּעראַטיווע אָרגאַניזאַציאָנען איבער'ן לאַנד. — עס ווערט באַשלאָסען זיי צו שיקען די נומערן „פריינד", וואו עס זיינען געדרוקט די אָפּיציעלע רעפּאָרטס וועגען דעם פינאַנציעלען צושטאַנד פון ארבייטער רינג.

פריינד באַסקין גיט איבער, אז דריי סטייטס האָבען אָנגעפרעגט, אויב אונזערע רייטס זיינען געשטיצט אויף די טאַבעלען פון פראַטערנאַל קאָנגרעס רייטס. אונזער עקטשוערי, מר. עלדרידזש, האָט אויסגעאַרבייט אַ לאַנגען סטייטמענט, אין וועלכען ער ערקלערט, אז אונזערע רייטס זיינען פראַטערנאַל קאָנגרעס רייטס, ניט אַכטענדיג דערויף וואָס זיי זיינען איינגעטיילט אַזוי, דאָס די פולע רייט־צאָהלונגען זאָלען זיך אָנפאַנגען אין דריי יאָהר אַרום. אַ קאָפּיע פון דעם סטייטמענט וועט געשיקט ווערען צו יעדען אינשורענס קאָמישאָנער, וואָס וועט מאַכען אַן אָנפראַגע וועגען דעם.

אין אָפּיס הויבט יעצט אָן מעהר אריינצוקומען געלדער פאַר דעם מיליאָן דאָלאַר פאָנד, און עס איז צו ערוואַרטען, אז אונזער קאַמפּיין פאַר דעם פאָנד וועט ברענגען די געוואונשטע רעזולטאַטען.

בר. 275 האָט זיך פאַרפּליכטעט צו שאַפען 200 דאָלאַר פּער'ן מיליאָן דאָלאַר פאָנד. אויך האָבען אייניגע אַנדערע ברענטשעס זיך „געפּלעדזשט" צו שאַפען געוויסע סומען.

געדרעפטעטע מעמבערס האָבען מיר יעצט 2184.

פאַר דעם לעצטען קוואַרטאַל וועלען זיין אַרום 15—16 הונדערט געשטראָכענע, וועלכעס איז כמעט אַ נאָרמאַלע צאָהל.

ער גיט אָן פאָלגענדע בודזשעטען פאַר'ן מאָנאַט סעפּטעמבער:

| | |
|---|---|
| אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע — — — — | $500.00 |
| סאַניטאַריום קאָמיטע — — — — | 7000.00 |
| עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע — — — — | 500.00 |
| „פריינד" פאָנד — — — — | 1000.00 |
| אדמיניסטריישאָן פאָנד — — — | 3000.00 |

רעפּאָרט פון סעקרעטער ווערט גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע.

פריינד זאַלצמאַן, ווייס־טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אז פריינד דראַפּקין האָט ניט אטענדעט צו די מיטינגען און זיי האָבען באשלאָסען צו ערקלערען, אז זיין פּלאַץ איז וואַקאַנט. די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע בעט צו אַפּאָינטען א מיטגליעדער פון דער עקזעקוטיוו אויסצופילען דעם וואַקאַנס פון פר. דראַפּקין. פריינד יודיטש ווערט ערוועהלט צו פאַרנעהמען זיין פּלאַץ אין דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע און אויף יודיטש'ס אָרט זאָל צוגעצויגען ווערען דער נעקסטער אויפ'ן באַלאָט.

ער דערמאָנט, אַז די קאָנפערענצען וועגען גרינדען אידישע סאָציאַליסטישע ארבייטער רינג שוהלען וועלען אָפּגעהאַלטען ווערען אין ניו יאָרק דעם 22טען סעפּטעמבער, און אויב די עקזעקוטיוו געפינט פאַר נויטיג, קען זי אהין שיקען פאַרטרעטער.

די ראַנד סקוהל האָט זיך צו זיי געווענדעט און פאַרלאַנגט, אז עס זאָל באַשטימט ווערען א געוויסער בודזשעט פאַר סקאָלערשיפּ פאַר מעמבערס פון ארבייטער רינג. נעהמענדיג אין אנבעטראַכט, אַז דער פאָנד פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע איז א באַשרענקטער, האָבען זיי באַשטימט די פראַגע צו ברענגען צו דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע.

זיי האָבען באַשלאָסען אויסצואַרבייטען א קאַטאַלאָג פון ביכער, וואָס זיי רעקאָמענדירען צו לעזען און מאַכען די נויטיגע אַרענדזשמענטס מיט די פאַרשיעדענע פאַרלעגער, אַז די ארבייטער רינג ברענטשעס און מעמבערס זאָלען האָבען א מעגליכקייט צו אָרדערען די ביכער דירעקט דורך דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע.

פר. זאַלצמאַן גיט איבער, אַז קירצליך וועט אָפּגעהאַלטען ווערען א קאָנפערענץ מיט פאַרטרעטער פון די גרעסערע אידישע יוניאָנס וועגען גרינדען א פאַראייניגטע עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע, וועלכע זאָל אָנפיהרען די אַלגעמיינע קולטורעלע ארבייט צווישען די אָרגאַניזירטע ארבייטער־מאַסען. אזא צענטראַלע קערפּערשאַפט, אויב ריכטיג אָרגאַניזירט, וואָלט פאַרשפּאָרט פיעל קרעפטען, געלר און ענערגיע.

פריינד יעלין איז געווען פאַרטראַטען ביי דער האַרסאָן קאַונטי דיסטריקט קאָנפערענץ. זיי האָבען ערוועהלט א קאָמיטע פון 12, וואָס זאָל טון די אָרגאַניזאַציאָנס און עדיוקיישאָנאַל ארבייט. זיי קלויבען זיך דורכצופיהרען דעם נעקסטען סיזאָן א ברייטען פּראָגראַם פון עדיוקיישאָנאַל טעטיגקייט.

ער (זאַלצמאַן) איז געווען פאַרטראַטען ביי דער דיסטריקט קאָנפערענץ פון נוארק, נ. דזש. ער האָט זיי אָרגאַניזירט אַלס דיסטריקט קאָמיטע און דאָרט אויך גערעדט וועגען עדיוקיישאָנאַל ארבייט. די קינדער־שוהלע איז ביז איצט געפיהרט געוואָרען פון איינצעלנע א. ר. מיטגליעדער. אויף זיין רעקאָמענדיישאָן איז באַשלאָסען געוואָרען, אז די שוהלע זאָל איצט שטעהן אונטער דער אויפזיכט פון דער דיסטריקט קאָמיטע. ער האָט זיי ערקלערט, אז די צוויי־סענט טעקס פאַר די שוהלען וועט ערשט אריין אין קראַפט דעם 1טען יאַנואַר 1919 און פאָלגליך וועלען ביז דאַן קיינע שוהלען ניט קענען אונטערשטיצט ווערען פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע. ער האָט זיי אויפגעפאָדערט צו גרינדען אַן איינגלייטער־קלוב. זיי האָבען פאַרשפּראָכען צו טון גוטע ארבייט.

די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט באַשלאָסען ארויסצוגעבען נאָטען מיט ארבייטער און אידישע פאָלקס־ליעדער, וואָס וועט קענען העלפען דער ענטוויקלונג פון ארבייטער כאָרען איבער'ן לאַנד.

עס ווערט באַשטימט צו האַנדלען וועגען דעם רעפּאָרט פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע ביי דעם נעקסטען מיטינג.

---

עס ווערט באַשלאָסען, אַז דער נעקסטער מיטינג זאָל אָפּגעהאַלטען ווערען ריענסטאַג אבענד, דעם 17טען ר. מ.

* * *

א פאָרטזעצונג פון דעם מאָנאַטליכען מיטינג פון דער נאַציאָנאַלער עקזקוטיוו ווערט אָפּגעהאַלטען ריענסטאַג אבענד, דעם 19טען סעפּטעמבער, מיט פריינד אב. עפּשטיין אַלס טשערמאַן.

## וועגען עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע רעפּאָרט.

עס ווערט פאַרהאַנדעלט די פראַגע צי עס זאָל ערלויבט ווערען דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע אויסצואַרבייטען א קאַטאַלאָג פון ביכער, וואָס זי רעקאָמענדירט צו לעזען. מאַנכע עקזעקוטיוו מיטגליעדער דייטען אָן, אַז דאָס קען שאַפען מיספאַרשטענדניס צווישען דעם ארבייטער רינג און מחברים אָדער פאַרלעגער, וועמעס ביכער עס וועלען ניט זיין אויפ'ן קאַטאַלאָג. נאָך א קורצער דעבאַטע ווערט באַשטימט גוטצוהייסען זייער באַשלוס מיט דער באַדינגונג, אַז דער אויסגעאַרבייטער קאַטאַלאָג פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע זאָל געבראַכט ווערען צו דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע צו באַשטעטיגען. דאָס זעלבע זאָל אויך געטון ווערען יעדעס מאָל ווען נייע ביכער ווערען צום קאַטאַלאָג צוגעגעבען.

די פראַגע וועגען סקאָלערשיפּ פאַר ארבייטער רינג מעמבערס אין דער ראַנד סקוהל ווערט באַשטימט צו לאָזען אָפּען. רעפּאָרט פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע ווערט דאַן גוטגעהייסען.

---

## צושריפט.

פון בר. 90, טרענטאָן, נ. דזש. — בעטען צו שיקען צו זיי אויף דעם 23טען סעפּטעמבער א פאַרטרעטער, וועלכער זאָל ריידען וועגען קינדער־ערציהונג. — באַשלאָסען איבערגעבען דעם צושריפט צו דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע מיט דעם וואונש, דאָס זיי זאָלען שיקען אהין א פאַרטרעטער.

---

## קאָמיטע.

פון ברענטש 613 — ערקלערען, אז זיי האָבען דריי מעמבערס אין דער עלטער פון 38 יאָהר, וועלכע ענטזאַגען זיך אויסצופילען אַפּידייוויטס, אז דאָס זיינען זייערע ריכטיגע יאָהרען.

דער טשערמאַן, פר. עפּשטיין, ערקלערט דער קאָמיטע, אז אָבוואָהל ס'איז באַשטימט געוואָרען אהיינצונעהמען נייע מעמבערס ביז 45 יאָהר, איז אָבער דער פּונקט אין אונזער קאָנסטיטושאָן וועגען דעם ניט געענדערט געוואָרען און זיי מוזען דאַרום אויספילען אזעלכע אַפּידייוויטס.

* * *

דער טשערמאַן שטעלט פאָר פריינד וואולף פון בר. 74, וועלכער איז געווען דער נעקסטער אויפ'ן באַלאָט און צוגעצויגען געוואָרען אויף פר. דראַפּקין'ס פּלאַץ. פריינד וואולף וועט זיין א מיטגליעד פון דער נאַציאָנאַלער גריוועַנס קאָמיטע.

---

## רעפּאָרט פון דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע.

פריינד דינערשטיין באַריכטעט, אז די דיסטריקט קאָנפערענצען זיינען שוין כמעט אין אַלע פּלעצער אָפּגעהאַלטען געוואָרען.

פריינד זאַלצמאַן איז געווען ביי דער קאָנפערענץ פון פּעטערסאָן, וואו עס זיינען געווען פאַרטראַטען 9 ברענטשעס, אויך זיינען אנוועזענד געווען פיעלע פּריוואַטע מעמבערס פון ארבייטער רינג. ער האָט צו זיי גערעדט וועגען מיליאָן דאָלאַר פאָנד און דעם מעמבערשיפּ קאַמפּיין. ס'איז ערוועהלט געוואָרען א נייע דיסטריקט קאָמיטע, באַשטעהענד פון 2 דעלעגאַטען פון יעדען ברענטש. די זעלבע קאָמיטע וועט אויך טון די עדיוקיישאָנאַל ארבייט.

פריינד אב. עפּשטיין איז געווען פאַרטראַטען ביי דער דיסטריקט קאָנפערענץ פון מעין סטייט. אויסער דעם ברענטש פון ניו העמפּשייר האָבען אַלע איבריגע ברענטשעס פון דיסטריקט געהאַט דעלעגאַטען צו דער קאָנפערענץ. מאַנכע ברענטשעס האָבען געשיקט צו צוויי פאַרטרעטער און אַנדערע צו

איין דעלעגאַט. די פאָדם פון פאַרטרעטערשאַפט ביי דער קאָנפערענץ האָט אַרויסגערופען אַ הייסע דעבאַטע און פאַרשאַפט אַ געוויסע מיספאַרשטענדנים. צוויי ברענטשעס האָבען זיך צוליעב דעם צוריקגעצויגען פון קאָנפערענץ. אַ חוץ דעם אינצירענט איז אַלעס געווען אין בעסטען אָרדנונג און די שטימונג פון דער קאָנפערענץ איז געווען זעהר אַ פריינדליכע. ס'איז ערוועהלט געוואָרען אַ נייע דיסטריקט קאָמיטע, צוזאַמענגעשטעלט פון איין דעלעגאַט פון יעדען ברענטש. זיי האָבען פאַרשפּראָכען צו שאַפען 100 דאָלאַר פאַר'ן מיליאָן דאָלאַר פאָנד און בכלל צו טון גוטע אַרבייט. ביי דער קאָנפערענץ זיינען אויך געמאַכט געוואָרען נאָמינייישאָנס פאַר אַ פאַרטרעטער פון זייער סטייט צו דער ניישאָנאַל באָארד אוו דירעקטאָרען.

פריינד וואָלאָוויץ איז געווען פאַרטראָטען ביי דער קאָנפערענץ פון דער וועסטטשעסטער דיסטריקט קאָמיטע, אָפּגעהאַלטען זונטאַג, דעם 25טען אויגוסט. צוליעב דעם וואָס אַ טייל ברענטשעס פון דיסטריקט זיינען ניט געווען פאַרטראָטען, האָבען די אַנוועזענדע דעלעגאַטען באַשלאָסען צו פאַררופען אַ צווייטע קאָנפערענץ אויף דעם 22טען סעפּטעמבער.

פריינר עפּשטיין איז געווען ביי דער ניו יאָרק סיטי קאָנפערענץ, וואָס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען זונטאַג, דעם 25טען אויגוסט. עס זיינען געווען פאַרטראָטען 80 ברענטשעס דורך 160 דעלעגאַטען. די פראַגען וואָס זיינען געשטאַנען אויפ'ן טאַגעס־אָרדנונג זיינען אויף אַן אינטעליגענטען אופן פאַרהאַנדעלט געוואָרען. אַ נייע סיטי קאָמיטע פון 25 איז ערוועהלט געוואָרען, אויך איז ערוועהלט געוואָרען אַ באַזונדערע עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע פון עלף. אַ קאָמיטע פון דער דזשישער סאָצ. צייטונג „נאָווי מיר“ האָט געשילדערט פאַר די דעלעגאַטען דעם געדריקטען מאַטעריעלען צושטאַנד, אין וועלכען די צייטונג געפינט זיך און אונטער וועלכע אומשטענדען זיי קומט אויס צו עקזיסטירען. די דעלעגאַטען האָבען פאַרשפּראָכען צו אונטערשטיצען דעם אַפּיעל אין די ברענטשעס, ווען אַזעלכער וועט פון „נאָווי מיר“ ערהאַלטען ווערען.

ער (דינערשטיין) איז געווען פאַרטראָטען ביי די קאָנפערענצען פון האַרטפאָרד און ניו הייווען. ביי דער האַרטפאָרר קאָנפערענץ זיינען געווען פאַרטראָטען דעלעגאַטען פון 6 ברענטשעס און אויך די מיטגליעדער פון דער דיסטריקט קאָמיטע. פון די באַריכטען האָט זיך אַרויסגעצייגט אַז זיי האָבען געטון דאָס בעסטע אונטער די אומשטענדען. זיי האָבען אָרגאַניזירט צוויי נייע ברענטשעס, זיי האָבען אויך ניט פאַרפעהלט זיך אָפּצורופען אויף יעדע וויכטיגע געזעלשאַפטליכע ערשיינונג. עס איז ערוועהלט געוואָרען אַ נייע דיסטריקט קאָמיטע, וועלכע זאָל אויך טון די עדיוקיישאָנאַל אַרבייט. ער האָט זיך מיט זיי דורכגערעדט וועגען מעמבערשיפּ קאַמפּיין און מיליאָן דאָלאַר פאָנד און זיי האָבען פאַרשפּראָכען צו טון גוטע אַרבייט.

ביי דער ניו הייווען קאָנפערענץ זיינען געווען פאַרטראָטען 6 ברענטשעס דורך 18 דעלעגאַטען. ער האָט צו זיי גערעדט וועגען עדיוקיישאָנאַל אַרבייט, וועגען מיליאָן דאָלאַר פאָנד און מעמבערשיפּ קאַמפּיין. די דעלעגאַטען האָבען זיך ערנסט באַצויגען צו אַלע פראַגען. ס'איז באַשלאָסען געוואָרען צו רופען דזשאָינט מיטינגס פון אַלע אָרטיגע ברענטשעס, כדי אויסצואַרבייטען פּלענער ווי אָנצופיהרען אַ טיכטיגען און שטאַרקען קאַמפּיין פאַר נייע מעמבערס.

דער אוידיטאָריום פון וואַשינגטאָן אירווינג הייה־סקוהל איז גענומען געוואָרען אויף שבת אבענד, דעם 23טען נאָוועמבער. די אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע געמיינשאַפטליך מיט דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע וועלען פאַר יענעם אבענד אַראַנזשירען אַ קאָנצערט און מאַס־מיטינג צו ערעפענען דעם מעמבערשיפּ קאַמפּיין אין ניו יאָרק.

עס זיינען אויסגעאַרבייט געוואָרען „קוואָטאַס“ פאַר יעדע סיטי און דיסטריקט קאָמיטע וויפיעל נייע מיטגליעדער ס'וועט אויסקומען אויף איהר חלק צוצוקריגען אין דעם מעמבערשיפּ קאַמפּיין. די „קוואָטאַס“ זיינען שוין פאַרנאַנדערגעשיקט געוואָרען צו די קאָמיטעס.

**דער רעפּאָרט ווערט גוטגעהייסען.**

## רעפּאָרט פון דער בענעפיט קאָמיטע.

פריינד ל. ראָטהמאַן, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז פיעלע האָספּיטעלער האָבען ניט געענטפערט אויף די אָנפראַגען וואָס זיינען מיט אַ צייט צוריק צו זיי געשיקט געוואָרען. צו די סעקרעטערע פון די ברענטשעס, וועמעס האָספּיטעלער האָבען ניט געענטפערט, איז אַרויסגעשיקט געוואָרען אַ צושריפט מיט אַ קאָפּיע פון די אָנפראַגען און זיי זיינען געבעטען געוואָרען רערויף צו ענטפערען. עס הויבען יעצט אָן אַריינצוקומען ענטפערס פון די איבריגע ברענטשעס.

די קאָנפערענץ פון די גרייטער ניו יאָרק ברענטשעס, וואָס איז פאַררופען געוואָרען אויף דעם 20טען אויגוסט, איז געווען זעהר גוט באַזוכט. די פראַגע וועגען איינפיהרען דיסטריקט דאָקטוירים איז ברייט דיסקוטירט געוואָרען און פון דער מעהרהייט דעלעגאַטען נידערגעשטימט געוואָרען.

אין אַ געוויסען ניו יאָרק ברענטש איז אַ מעמבער קראַנק געווען 13 וואָכען. פיעלע קאָמיטע־לייט האָבען זיך ענטזאַגט אונטערצושרייבען די סערטיפיקייטס, ווייל דער באַטרעפענדער פלעגט אַריינקומען אין זיין שאַפּ (ער איז אַ באָס). די בענעפיט קאָמיטע האָט די פראַגע אונטערזוכט אין ברענטש און עס האָט זיך אַרויסגעצייגט, אַז פאַר יענער צייט האָט ער אָנגעשטעלט אַ קלוירק צו אַרבייטען אויף זיין פּלאַץ. אויף די רעקאָמענדיישאָן פון ברענטש איז באַשלאָסען געוואָרען די בענעפיט פאַר דעם באַטרעפענדען אויסצוצאָהלען.

רעפּאָרט ווערט גוטגעהייסען.

---

## רעפּאָרט פון דער אָפּיס קאָמיטע.

פריינד דייווידאָף, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז אין בר. 225 האָט זיך צוויי יאָהר געשלעפּט אַ קייס וועגען די טויטען־בענעפיט פון זייערען אַ מעמבער, ווייל די בענעפישערי איז געווען אַ מינדעריעהריגע. יעצט מאָהנען זיי, אַז מען זאָל זיי אויסצאָהלען די פּראָצענט פון דעם געלד פאַר די צוויי יאָהר. די אָפּיס קאָמיטע האָט די פראַגע איבערגעגעבען צו אונזער ליגעל אַדווייזער, וועלכער האָט ערקלערט, אַז אויב זיי האָבען ניט צוגעשטעלט אַלע נויטיגע פּאַפּיערען, זיינען זיי געזעצליך צו קיין פּראָצענט ניט באַרעכטיגט.

ברענטש 32 האָט באַדאַנקט פאַר דעם פיערטעל־יעהרליכען רעפּאָרט וואָס איז אויסגעאַרבייט געוואָרען פאַר די סעקרעטערע פון די ברענטשעס אויסצופילען. ער לויבט די סיסטעם און דייטעט אָן, אַז זייער ברענטש מאַכט אַזעלכע רעפּאָרטס צו זייערע מעמבערס יעדער קוואַרטאַל. אָן ענליכער בריעף איז אויך אַריינגעקומען פון ברענטש 15.

אַ געוויסער ברענטש האָט אָנגעפרעגט צי זיי קענען אַריינגעהמען אַלס מעמבערין אַ געוויסע פריינדין, וועלכע האָט זיך ענליסטעט אַלס נוירס און קען ניט קומען צו קיין מיטינג אויפגענומען צו ווערען. די אָפּיס קאָמיטע האָט זיי געענטפערט, אַז לויט אונזער קאָנסטיטושאָן מוז אַ מעמבער זיין פערזענליך צום מיטינג, אום צו ווערען אויפגענומען.

דער אילינאָי סטייט העלטה אינשורענס קאָמישאָן האָט געבעטען צו געבען זיי געוויסע סטאַטיסטישע אויסקינפטע וועגען אונזערע דעפּאַרטמענטס. עס איז באַשלאָסען געוואָרען זייער פאַרלאַנג צו באַווילינען.

פריינד באַסקין און עפּשטיין, דער בוקקיפּער, זיינען געבליבען אַ טאָג פון זייער וואַקיישאָן צו אַטענדען, אַז געוויסע ליגעל פּאַפּיערען, אין צוזאַמענהאַנג מיט טשאַרטערס, זאָלען אַרויסגעשיקט ווערען אין אייניגע סטייטס.

עס איז אָנגעשטעלט געוואָרען אַ נייע טייפּרייטערין פאַר דער אידישער מאַשין אויף דעם פּלאַץ פון מיסס פּלאַטקין, וועלכע האָט פאַרלאָזען דעם אָפּיס.

עס ווערט באַשטימט אָנצונעהמען די מיינונג פון ליגעל אַדווייזער און ניט אויסצאָהלען די פּראָצענט פאַר דער צייט וואָס ביז עס זיינען צוגעשטעלט געוואָרען די „גאַרדיענשיפּ“ פּאַפּיערען אין דעם טויטען־פאַל פון ברענטש 225.

דער רעפּאָרט פון דער אָפּיס קאָמיטע ווערט דאַן גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער גריוועַנס קאָמיטע.

פריינד וויינבלאַט, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז אַ מעמבער פון אַ ניו־יאָרקער ברענטש האָט אַפּעלירט געגען באַשלוס פון דער בענעפיט קאָמיטע צוריקצואוווייזען זיין בענעפיט פאַר אַ וואָך, ווייל דער סטייטמענט פון דאָקטאָר איז ניט געוועזן אויף קיין אָפיציעלע פּאַפּיער. דער אַפּעלאַנט האָט ערקלערט, אַז ער האָט געאַרבייט אין אַ קעמפּ און דער סטייטמענט איז אַרויסגעגעבען געוואָרען פון אַ קעמפּ דאָקטאָר. קיין אַנדער סטייטמענט האָט ער ניט געקענט קריגען. נעמענדיג אין אַנבעטראַכט די אומשטענדען, האָט די גריוועַנס קאָמיטע באַשטימט גוטצוהייסען זיין אַפּיעל.

אַ געוויסער מעמבער האָט אַפּעלירט געגען באַשלוס פון זיין ברענטש צו באַשטראָפען איהם מיט 5 דאָלאַר און אַ טאַדעל. דער ברענטש האָט ערקלערט, אַז זיי האָבען באַשלאָסען אַרויסצוגעבען אַ באָל־בלאַט און פאַר דעם צוועק איז ערוועהלט געוואָרען אַ ספּעציעלע פּרעס־־קאָמיטע, פון וועלכער דער אַפּעלאַנט איז אויך געוועזן אַ מעמבער. ער האָט אָבער געטון זאַכען געגען די באַשליסע פון דער קאָמיטע און זאָגאַר אויסגעגעבען אויף פּרינטיג איבריגע 10 דאָלאַר אָהן דער צושטימונג פון דער קאָמיטע. דער ברענטש האָט איהם דארום באַשטראָפט מיט 500 דאָלאַר פאַר די מלחמה קרבנות. די גריוועַנס קאָמיטע האָט געשיקט פריינד יודיטש אין ברענטש אויסצוגעפינען דעם סענטימענט פון די מיטגליעדער וועגען דער אַנגעלעגענהייט. זאָגאַר דאַמאָלס, אַ צייט שפּעטער נאָכדעם ווי די שטראָף איז אויף דעם באַטרעפענדען אַרויפגעלעגט געוואָרען, האָט די מעהרהייט פון ברענטש געשטימט געגען אַפּעלאַנט. די גריוועַנס קאָמיטע האָט דאַן גוטגעהייסען די האַנדלונג פון בר. דער אַפּעלאַנט איז אונצופריעדען מיט דער ענטשיידונג און ערקלערט, אַז ער וועט ווייטער אַפּעלירען צו דער ניישאָנאַל באָארד אוו דירעקטאָרען.

פריינד וויינבלאַט גיט איבער וועגען נאָך איינִיגע קייסעס איבער וועלכע זיי איז אויסגעקומען צו האַנדלען אין פאַרלויף פון מאָנאַט, און דער רעפּאָרט ווערט דאַן גוטגעהייסען.

---

## רעפּאָרט פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע.

פריינד גוסקין, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז ס'איז געפיקסט געוואָרען די טשימני אין דער 4טער „לען־טו" און די סלופּעס אין דער 2טער „לען־טו". דאָס האָט געקאָסט 244 דאָלאַר.

עס איז אויסגעצאָהלט געוואָרען 300 דאָלאַר צום אַרכיטעקט פאַר די פּלענער פון קאָטעדזיש, אויך איז אויסגעצאָהלט געוואָרען 365 דאָלאַר צו אַ צווייטען אַרכיטעקט פאַר די פּלענער צו פאַרגרעסערען די קיך און פאַר אַ פּלאַן פון קאָטערזיש.

די צוויי עקסטרא צימערען, אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם פאַרגרעסערען פון דער קיך, ווערען יעצט געבויט.

דער בוילער פון „לאָונדרי האָט געפּלאַצט און פיקסען איהם וועט קאָסטען אַרום 700 דאָלאַר. רערווייל מוז אַרויסגעגעבען ווערען די וועש פון סאַניטאַריום אין אַן אויטסייד לאָונדרי.

ברענטש 96 האָט געשיקט אַלס אַ מתנה פאַר דער סאַניטאַריום ביבליאָטעק די שריפטען פון שלום־עליכם. אַ דאַנקסבריעף איז צו אַרויסגעשיקט געוואָרען.

דער לייבאָר ליעג האָט פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל ערלויבען זייערען אַ פּאַציענט פון אונזער סאַניטאַריום צו פאַרבלייבען נאָך אַ געוויסע צייט, נאָכדעם ווי זיין טערמין האָט זיך געענדיגט. די סאַניטאַריום קאָמיטע האָט באַשלאָסען אין פּרינציפּ צו ערלויבען לייבאָר ליעג מעמבערס פאַרבלייבען אַלס באַצאָהלטע פּאַציענטען אין אונזער סאַניטאַריום, אָבער ניט מעהר ווי 9 מאָנאַטען, — די צייט וואָס איז באַשטימט געוואָרען זאָגאַר פאַר מעמבערס.

מר. נאַטקין, דער בוקקיפּער, איז געדרעפּטעט געוואָרען און מען האָט איהם נאָכהער באַפרייט. די קאָמיטע האָט באַשלאָסען איהם צוריק אָנצושטעלען.

**רעפּאָרט פון סאַניטאַריום קאָמיטע ווערט גוטגעהייסען.**

## רעפּאָרט פון לייבאָר ליעג קאָנווענשאָן.

פריינד ר. גוסקין באַריכטעט, אַז פריינד אב. עפּשטיין און ער האָבען פאַרטראָטען די נאַצ. עקזעקוטיוו ביי דער קאָנווענשאָן פון לייבאָר ליעג, וואָס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין בראָקטאָן, מאַסס., דעם 30טען און 31טען אויגוסט און 1טען סעפּטעמבער. אויך זיינען געוועזן פאַרטראָטען פריינדע דרייפּיעל און אַרקין, ערוועהלט פון לעצטען קאָנווענשאָן. פר. גוסקין זאָגט, אַז די גאַנצע קאָנווענשאָן האָט געאַטעמט מיט דער גרויסער האָפנונג צו פאַראייניגען זיך מיט'ן אַרבייטער רינג. זיי האָבען זיך אויך דורכגערעדט מיט איינִיגע טוער פון לייבאָר ליעג אין באַצוג לעגאַליטעט פראַגען און יענע זיינען געוועזן צופריעדען מיט דער פאַרברייטונגס־אַרבייט, וואָס איז ביז יעצט געטון געוואָרען. ער גיט איבער, אַז ביי דעם מאַס־מיטינג האָט פר. עפּשטיין געהאַלטען אַ וואַרימע און באַגייסטערטע רעדע, וועלכע איז פון די צוהערער מיט ניט ווענִיגער באַגייסטערונג אויפגענומען געוואָרען. פר. עפּשטיין איז פון דער קאָנווענשאָן פּרעזענטירט געוואָרען מיט „ליעבעס־בעכער". אין אַלגעמיין האָבען די פאַרטרעטער פון אַרבייטער רינג געקראָגען אַ הערצליכע און זעהר פריינדליכע אויפנאַהמע.

---

פריינד אב. עפּשטיין גיט צו צום באַריכט, אַז ביי דער גאַנצער קאָנווענשאָן האָט זיך, ווי מיט אַ רויטער שנור, דורכגעצויגען דער וואונש צו האָבען **א י י ן  א ר ב י י ט ע ר ־ ר י נ ג  א י ן  א מ ע ר י ק א**. די קאָנפערענץ וואָס זיי האָבען געהאַט מיט די טוער פון לייבאָר ליעג איז געוועזן זעהר אינטערעסאַנטע. פר. עפּשטיין דייטעט אָן, אַז די פיהרערשאַפט פון לייבאָר ליעג איז זעהר לאָיאַל צום אַרבייטער רינג, הויפּטזעכליך יעצט, נאָכדעם ווי די פּראָטווירנאַל רייטס זיינען אָנגענומען געוואָרען. פון די באַריכטען האָט זיך אַרויסגעצייגט, אַז די ברענטשעס פון לייבאָר ליעג גיבען זיך זעהר פיעל אָפּ מיט קאָאָפּעראַטיוועז. ברענטש 3 ל. ל. פון וואוסטער האָט אַ גרויסע קאָאָפּעראַטיווע בעקעריי. די ברענטשעס טוען בכלל גוטע אַרבייט. די קאָנווענשאָן האָט אויך אָנגענומען אַ רעזאָלוציאָן צו אינדאָרסירען די שטעלונג פון דער לעצטער אַ. ר. קאָנווענשאָן וועגען אויסשטרעקען אַ ברודער־האַנר צו די מיטגליעדער פון אינדעפּענדענט אַרבייטער רינג און שאַפען איינִיגקייט אין דער אַרבייטער־באַוועגונג.

די רעפּאָרטס ווערען גוטגעהייסען און פריינדע גוסקין און עפּשטיין ווערען באַדאַנקט פאַר זייער אַרבייט.

---

פריינד באַסקין ערקלערט, אַז מיר האָבען געקראָגען טשאַרטערס פון מעין און פלאָרידא סטייטס.

פריינד עפּשטיין רעקאָמענדירט, אַז אין מעין סטייט זאָל אַראַנזשירט ווערען לכבוד דעם אַ מאַס־מיטינג און אַ טשאַרטער־פעסט. פאַרטרעטער פון אַלע ברענטשעס פון דעם סטייט זאָלען איינגעלאַדען ווערען צו דעם יום־טוב און די טשאַרטערס זאָלען זיי דאַן איבערגעגעבען ווערען.

די רעקאָמענדיישאָן ווערט אָנגענומען און עס ווערט באַשלאָסען איבערגעבען צו דער נאַצ. אָרג. קאָמיטע דאָס צו אַראַנזשירען.

---

פר. וואָלאָם רעזיגנירט פון דער פּובליסיטי קאָמיטע. ער ערקלערט, אַז די קאָמיטע האָט אָנפאַנגס געהאַט די פונקציאָנען פאַר פּובליסיטי און עפענטליכע אַרויסטרעטונגען. די פונקציאָן פאַר עפענטליכע אַרויסטרעטונגען איז פון דער קאָמיטע צוגענומען געוואָרען, און ער געפינט דארום ניט קיין גרויסען אינטערעס אין דער ערשטער טייל אַרבייט.

זיין רעזיגנאַציאָן ווערט אָנגענומען. פר. עפּשטיין ווערט ערוועהלט אויף זיין פּלאַץ.

* * *

עס ווערט באַשלאָסען, אַז די נעקסטע מיטינגען פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו זאָלען אָפּגעהאַלטען ווערען דעם ערשטען זונטאָג פון יעדען מאָנאַט.

פ. געליעבטער,
רעקאָרדינג סעקרעטער.

# פינאַנץ באריכט פון 71טען קווארטאל

דאָס פאָלגענדע איז דער פינאַנץ-באריכט פונ'ם אַלגעמיינעם צושטאַנד פון די ברענטשעס פון ארבייטער רינג פאַר דעם 71טען קווארטאל, וועלכער שליסט איין די מאָנאַטען אפריל, מאַי און יוני 1918.

י. באַסקין, סעקרעטער.

## איינגאַהמע.

| | |
|---|---|
| פון ברענטשעס | $93,705.36 |
| פון מעמבערס עט לאַרדזש | 3,575.05 |
| איינטריטס-געלד פון נייע מעמבערס 1, 2, 3 און 4 קל. | 3,887.00 |
| פון טראנספערס (פון קלאַס צו קלאַס) | 75.00 |
| קאָנסטיטושאַנס און סערטיפיקייטס | 336.60 |
| ברענטשעס קרעדיטירט פאַר אַפּליקיישאַנס וועלכע זיינען צוריקגעוויזען | 241.14 |
| ס"ה איינגאַהמע פון מעמבערס | $101,820.15 |

## אינוועסטמענטס.

| | |
|---|---|
| אינטערעסט פון באָנדס | $7,121.81 |
| אינטערעסט פון דעפּאָזיטס | 355.05 |
| סאַניטאַריום פאַרם-פּראָדוקטען | 1,626.48 |
| סאַניטאַריום דעפּאָזיטס (בעצאָהלטע פּאַציענטען) | 1,590.00 |
| לייבאָר ליעג פּאַציענטען | 483.00 |
| סאַניטאַריום ענטערטיינמענט | 17.00 |

## פרייוויליגע קאָנטריביושאַנס.

| | |
|---|---|
| פאַר די מלחמה קרבנות | $7,306.63 |
| פאַר לאָס אנדזשעלעס סאַניטאַריום | 92.50 |
| פאַר ציגאַרען-מאַכער קאַנסול | 30.00 |
| פאַר מיליאָן דאלאר פאָנד | 10.00 |
| אינטערנעישאָנאל וואָירקערס דעפענס ליעג | 9.00 |
| היברו אימיגראַנט אייד סאָסייעטי | 5.00 |
| בונד | 4.00 |
| סאַן פראַנציסקא דעפענס פאָנד | 2.00 |

## פאַרשיעדענע איינגאַהמען.

| | |
|---|---|
| וואָירקמענס סוירקעל לייברערי | $38.00 |
| וואָירקמענס סוירקעל לייברערי 1918 | 1,214.74 |
| קאַרל מאַרקס ביכער | 100.00 |
| ראָזענצווייג ביכער | 15.43 |
| פּיפּעלס יוניוואָירסיטי | 2.50 |
| י. וויינטרויב | 100.00 |
| דזש. מיסלאַוו | 600.00 |
| סעמעטערי דעפּאַרטמענט | 90.43 |

## אומגעקעהרטע אויסגאַבען.

| | |
|---|---|
| קאָנווענשאָן פאָנד | $3,789.71 |
| עדיוקיישאָנאל ביוראָ | 185.76 |
| קאָנסאָמפּשאָן בענעפיט | 100.00 |
| רענט סעמעטערי דעפּאַרטמענט | 186.00 |
| פאַרשיעדענעס | 61.25 |
| ליגעל עקספּענסעס | 15.00 |
| נאָטארי פּאָבליק | 4.25 |
| אָרגאַניזיישאָן פאָנד | 1.25 |
| טעלעפאָן און טעלעגראַף | .34 |
| ס"ה איינגאַהמע | $127,477.28 |
| באַלאַנס פונ'ם 31טען מאַרטש 1918 | 80,757.91 |
| סך-הכל | $208,235.19 |

## אויסגאַבען.

| | |
|---|---|
| צו ברענטשעס | $2,554.12 |
| צו מעמבערס עט לאַרדזש | 8.17 |
| טויטען-בענעפיט | 13,901.66 |
| קאָנסאָמפּשאָן בענעפיט | 800.00 |
| קראַנקען בענעפיט (צו מעמבערס עט לאַרדזש) | 801.00 |

## אינוועסטמענטס.

| | |
|---|---|
| באָנדס (מאַרקעט ווערטה 45,000 דאל.) | 40,703.00 |
| אינטערעסט אויף באָנדס | 319.89 |
| פוירניטשור און פיקטשורס | 309.38 |

## סאַניטאַריום.

| | |
|---|---|
| אויפהאַלטונגס | 21,609.53 |
| בילדינג | 225.26 |
| פוירניטשור און פיקטשורס | 306.91 |
| לייף סטאָק | 30.00 |
| סאַניטאַריום דעפּאָזיטס | 96.43 |

## אדמיניסטראַציאָנס-אויסגאַבען.

| | |
|---|---|
| רענט | 750.00 |
| סאַלאַרים | 4,683.00 |
| עקסטרא אָפיס אַרבייט | 53.64 |
| פאַרשיעדענעס | 204.83 |
| נאַציאָנאַלע באָארד און דירעקטאָרען | 1.00 |
| גריעווענס קאָמיטע | 151.50 |
| בעניפיט קאָמיטע | 136.70 |
| אָפיס קאָמיטע | 98.80 |
| אודיטינג קאָמיטע | 291.00 |
| קאָמיטעס | 101.85 |
| פּאָסטיידזש | 654.10 |
| פּרינטינג | 336.42 |
| אַדווערטייזינג | 340.91 |
| סטיישאָנערי און ביכער | 191.50 |
| טעלעפאָן און טעלעגראַף | 123.23 |
| בעלויכטונג | 63.56 |
| קאָלעקשאָן און עקסטשענדזש | 82.86 |
| אוידיטאָר און עקטשורי | 54.80 |
| רייזע-קאָסטען | 46.64 |
| אינשורענס פּובליקיישאָנס | 27.60 |
| ליגעל סוירוויסעס | 150.00 |
| פייער אינשורענס | 49.15 |
| סטייט אינשורענס קאָמישאָנערס בעלויכטונג | 25.00 |
| אָפיסערס באָנדס | 28.00 |
| עקספּרעסיידזש | .99 |

## אָרגאַניזאַציאָן.

| | |
|---|---|
| ניו יאָרק סטייט | 185.39 |
| פּענסילוויינא | 179.70 |
| ניו דזשוירזי | 37.70 |
| קאָנעקטיקוט | 40.40 |
| מעין | 35.97 |
| אילינאָיז | 20.85 |
| וויסקאָנסין | 15.00 |
| מינעסאָטא | 28.05 |

| | |
|---|---|
| מערילאנד | 16.75 |
| טעקסעס און לואיזיאנא | 80.00 |
| מישיגען | 25.00 |
| קאנאדא | 61.00 |
| אלגעמיינע ארגאניזאציאנס־ארבייט | 361.84 |

### וואלונטערי קאנטריביושאנס.

| | |
|---|---|
| פאר די מלחמת קרבנות | 20,027.93 |
| פאר ציגארען־מאכערס קאנסול | 30.00 |
| פאר היברו אימיגראנט אייד סאסייעטי | 5.00 |
| פאר אינטערנעשאנאל וואירקערס דעפענס ליעג | 16.50 |
| פאר'ן בונד | 4.00 |
| פאר דעם פאנד פון די אונבעשעפטיגטע | 5.00 |

### פארשידענע אויסגאבען.

| | |
|---|---|
| פריינד פאנד | 5,659.30 |
| עדיוקיישאנאל ביורא | 1,404.53 |
| וואירקמענס סוירקעל לייברערי 1918 | 4,004.39 |
| קאנווענשאן פאנד | 15,836.39 |
| קאנסטיטושאנס און סערטיפיקייטס | 48.55 |
| גארדיענשיפ אקאונט | 177.65 |
| פאסייק פאסט אפיס | 500.00 |
| ברענטש סופלייעס | 24.50 |
| קארל מארקס ביכער | 731.92 |
| ראזענצווייג ביכער | 16.23 |
| בוק פאבלישינג | 1.86 |
| טעאטריקאל פראדאקשאן (בר. 555) | 49.30 |
| סעמעטערי דעפארטמענט | 188.06 |
| פיפעלס יוניווארסיטי | 119.21 |
| נעשאנאל שוריטי קאמפאני (י. וויינטרויב) | 50.00 |
| איינטריטס־געלד אומגעקעהרט | 4.00 |
| פעטי קעש (סעקרעטערים אקאונט) | 200.00 |
| ס"ה אויסגאבען | $140,504.40 |
| באלאנס אין טשאטהאם און פיניקס נעשאנאל בענק, יוני 30טען | 55,910.91 |
| באלאנס אין פארמערס לאאן טראסט קאמפ., יוני 30 | 9,250.32 |
| באלאנס אין בראדוויי טראסט קאמפ., יוני 30טען | 2,569.56 |
| סך־הכל | $208,235.19 |

### קראנקען בענעפיט.

| | |
|---|---|
| אויסגעצאהלט 6870 וואכען | $39,867.00 |
| 6419 וואכען צו 6 דאלאר | $38,514.00 |
| 451 וואכען צו 3 דאלאר | 1,353.00 |

### טויטען קליימס.

רעפארטעד אין 71טען קווארטאל:

| | |
|---|---|
| קלאס 1 | 18 |
| קלאס 2 | 20 |
| קלאס 3 | 10 |
| קלאס 4 | 7 |
| טאטאל אינשורענס | $13,900.00 |

### געשטארבען פון:

| | |
|---|---|
| טובערקולאזיס | 13 |
| נייומאניא | 9 |
| הארץ קראנקהייט | 7 |
| עקסידענט | 3 |
| פארשידענע קראנקהייטען | 21 |
| זעלבסטמארד | 2 |
| סך־הכל | 55 |

### „פריינד" אויסגאבען.

| | |
|---|---|
| פרינטינג | $2,712.10 |
| פאפיער | 1,762.28 |
| רעדאקטירען | 267.00 |
| ארטיקלען | 68.00 |
| מיילינג און ראפינג | 165.92 |
| עקספרעסיידזש | 230.31 |
| פאסטיידזש | 467.03 |
| סאלאריעס | 260.00 |
| סטיישאנערי | 9.46 |
| עקסטרא ארבייט | 31.54 |
| פארשידענעס | 16.94 |
| קאמיטעס | 35.75 |
| רענט | 45.00 |
| עלעקטריק פאוער | 12.50 |
| מאשינערי | 30.00 |
| קאטס | 10.00 |
| סך־הכל | $6,123.83 |

אין קעש סטייטמענט זיינען זיי פאררעכענט אין פאלגענדע אייטעמס:

| | |
|---|---|
| „פריינד" | $5,659.30 |
| פאסייק פאסט אפיס | 500.00 |
| סך־הכל | $6,159.30 |
| „פריינד" מאשינערי | 30.00 |
| רענט פאר אפריל, מאי און יוני | 45.00 |
| עלעקטריט פאוער פאר די זעלבע מאנאטען | 12.50 |
| באלאנס אין פאסייק פאסט אפיס פון לעצטען קווארטאל | 25.47 |
| סך־הכל | $6,272.27 |
| פון דעם ווערט ארונטערגערעכענט | 6,123.83 |

| | |
|---|---|
| בלייבט א באלאנס אין פאסייק פאסט אפיס, יוני 30, ווי עס ווערט אנגעצייגט אין פאלגענדען טייבעל פון פארמעגען | $148.44 |

## פארמעגען און שולדען
יוני 30טען, 1918

### פארמעגען.

| | |
|---|---|
| באנדס (מארקעט ווערטה $785,000) | $758,656.12 |
| קעש אין טשאטהאם ענד פיניקס נעשאנאל בענק | 55,910.91 |
| קעש אין פארמערס לאאן און טראסט קאמפאני | 9,250.32 |
| קעש אין בראדוויי טראסט קאמפאני | 2,569.56 |
| קעש אין טשאטהאם ענד פיניקס נעשאנאל בענק (סעקרעטער'ס אקאונט) | 1,400.00 |
| קעש אין סייווינגס בענקס | 11,911.46 |
| קעש אין סאניטאריום | 2,000.00 |
| סאניטארויום בילדינגס | 94,366.98 |
| סאניטאריום פארם | 8,500.00 |
| סאניטאריום לייף סטאק | 1,090.00 |
| סאניטאריום פוירניטשור און פיקטשורס | 15,291.13 |
| אפיס פוירנטשיור און פיקטשורס | 4,368.61 |
| „פריינד" פוירניטשור און מאשינערי | 512.64 |
| ברענטש סופלייעס | 1,071.09 |
| עדיוקיישאנאל ביכער פלייטס | 1,300.00 |
| באלאנס פון ברענטשעס | 15,850.35 |
| באלאנס פון מעמבערס עט לארדזש | 227.46 |
| באלאנס אין פאסייק פאסט אפיס | 148.44 |
| אויסגעצאהלטע וויינטרויב געלדער | 1,512.03 |
| מ. און ל. יארמולאווסקי | 186.76 |
| טעאטריקאל פראדאקשאן (בר. 555) | 199.30 |
| קארל מארקס ביכער | 731.92 |
| סך־הכל | $987,055.08 |

### שולדען.

| | |
|---|---|
| גארדיענשיפ קליימס — — — — — — — — — — | 7,856.03 |
| טויטען בענעפיט קליימס — — — — — — — — | 24,983.34 |
| אפליקיישאנס פאר אפרוואוואל — — — — — — — | 1,195.24 |
| סעמעטערי דעפארטמענט — — — — — — — — — | 261.73 |
| סאניטאריום דעפאזיטס — — — — — — — — — | 2,130.00 |
| רוסישער רעוואלוציאנערען פאנד — — — — — — | 585.25 |
| לייבאר ליגע — — — — — — — — — — — — — | 500.00 |
| וואלונטערי קאנטריבּיושאנס — — — — — — — — | 1,682.65 |
| בענעפישערי און ה. הארן — — — — — — — — — | 41.00 |
| בענעפישערי און ה. קליפער — — — — — — — — | 41.00 |
| דזש. מיסלאוו — — — — — — — — — — — — | 600.00 |
| בר. באנדס — — — — — — — — — — — — — | 3.91 |
| סוספענס — — — — — — — — — — — — — — | 82.36 |
| סך־הכל — — — — — — — — — | $39,962.51 |
| פארמעגען איבער שולדען — — — — — — — — — | 947,092.57 |
| סך־הכל — — — — — — — — — | $987,055.08 |

### ברענטשעס.

צאהל ברענטשעס מארטש 31טען 1918 — — — — 602

נייע ברענטשעס אינסטאלירט — — — — — — 5

ברענטש 512, לאס אנדזשעלעס, קאל.
ברענטש 424, ניו ארליאנס, לואיזיאנא.
ברענטש 611, פילארעלפיא, פא.
ברענטש 360, דעטראיט, מישיגען.
ברענטש 615, ניו יארק.

סך־הכל — — — — 607

ברענטשעס אויפגעלייזט:

461, 480 און 496, דעטראיט, מישיגען; 294, 296, 335, און 377, ניו יארק סיטי; 550, פילאדלפיא, פא.; 549, מילוואקי, וויסקאנסין.

צאהל ברענטשעס אין עקזיסטענץ דעם 30טען יוני 1918 — 598.

# מעמבערשיפ סטייטמענט

דעביט

| | קלאס 1 | קלאס 2 | קלאס 3 | קלאס 4 | |
|---|---|---|---|---|---|
| באלאנס דעם 31טען מארטש 1918 — — — — — — — — — — | 25,206 | 21,700 | 7,008 | 6,624 | 60,538 |
| נייע מעמבערס אריינגענומען — — — — — — — — — — | 357 | 265 | 154 | 1,621 | 2,397 |
| רעאינסטייטעט זיינען געווארען — — — — — — — — — | 470 | 505 | 105 | 143 | 1,223 |
| טראנספערירט פון קלאס צו קלאס — — — — — — — — — | 29 | 10 | 4 | 6 | 49 |
| טראנספערירט פון ברענטש צו ברענטש — — — — — — — | 286 | 282 | 69 | 124 | 761 |
| טאטאל דעביט — — — — — — — — — — — — — | 26,348 | 22,762 | 7,340 | 8,518 | 64,968 |
| קרעדיט — — — — — — — — — — — — — — | 1,075 | 1,239 | 241 | 592 | 3147 |
| טאטאל צאהל מעמבערס 30טען יוני 1918 — — — — — | 25,273 | 21,523 | 7,099 | 7,926 | 61,821 |

קרעדיט

| | קלאס 1 | קלאס 2 | קלאס 3 | קלאס 4 | |
|---|---|---|---|---|---|
| אויסגעשלאסען — — — — — — — — — — — — — | 757 | 905 | 160 | 438 | 2260 |
| רעזיגנירט — — — — — — — — — — — — — — | 2 | 12 | 1 | 6 | 21 |
| צוריקגעוויזען — — — — — — — — — — — — — | 1 | — | — | — | 1 |
| געשטארבען — — — — — — — — — — — — — — | 18 | 20 | 10 | 7 | 55 |
| טראנספערירט פון קלאס צו קלאס — — — — — — — — — | 11 | 20 | 1 | 17 | 49 |
| טראנספערירט פון ברענטש צו ברענטש — — — — — — — | 286 | 282 | 69 | 124 | 761 |
| סך־הכל — — — — — — — — — — — — — — | 1,075 | 1,239 | 241 | 592 | 3,147 |

א שרעקליכער צופאל: פון דער אינפלוענציע עפידעמיע איז געשטארבען א מיטגליעד פון ארבייטער־רינג און איז באערדיגט געווארען אויף דער א. ר. סעמעטערי. אויף מארגען איז געשטארבען פון דערזעלבער קראנקהייט זיין קינד. דער טוידט האקט אפ מיט זיין שארפען האק דעם פאדים פון מעמבערשיפ און דאס קינד איז שוין נישט געווען געזעצליך בארעכטיגט צו סעמעטערי, דערפאר, ווייל זיין מוטער איז נישט געווען קיין מעמבער אין ארבייטער־רינג.

א טרויעריגע געשעהעניש, וואס שטעקט אוים א דראחונגס־פינגער צו די גרעסטע טייל פון אונזערע פרויען...

* * *

צייטען דערלעבט! ווען די רוסישע ארבייטער קלייבען זיך צו שטעלען קארל מארקס'ען א ריעזען־מאנומענט פאר א מיליאן רובעל — שמייסען די דייטשע ארבייטער אראפ די שטאלצע מאנומענטען פון די האהענצאלערנס פון די בערלינער סקווערס. האבען זיי זיך נישט אמאל צוזאמענגערעדט?

* * *

צי א מגיפה, צי נישט קיין מגיפה, דער ארבייטער און אונפא[...] מעגליכער מענש איז שטענדיג אין דער יעצטיגער ארדנונג אונטע[...] געווארפען צו פארשיעדענע קראנקהייטען און איז געגען זיי אונב[...] האלפען. פאר דעם צוועק האבען מיר אונזער ארדען דעם ארבייטע[...] רינג.

* * *

עס איז נישט אזוי דער סעט ביכער, וואס איהר וועט קריג[...] פאר ארייננעמען פינף נייע מעמבערס, נור דער כבוד, וואס איהר וו[...] זיי קריגען אלס געשאנק פון דער דזשענעראל עקזעקוטיווע פ[...] ארבייטער־רינג, מיט וועלכע איהר וועט מעגען שטאלצירען א גאנצ[...] לעבען.

* * *

אין צייטען פון מלחמה — האלט זיך רוהיג. אין צייטען פ[...] מגיפות האלט זיך ריין. אין צייט פון קאמפיין האלט זיך ווי קעמפ[...] מיט ווירדע און שטאלץ.

* * *

צו פאַרהאַנדלען ביי אַ דזשאָינט מיטינג פון די ברידזשפּאָרטער ברענטשעס מיט דער דיסטריקט קאָמיטע.

צולעצט וויל איך נאָך-באַמערקען, דאָס עס איז אָנגענומען געוואָרען, אַז די דיסטריקט קאָמיטע זאָל מיטען יעדען מאָנאַט, און נעקסטער מיטינג זאָל זיין דעם 1טען זונטאג אין אָקטאָבער, אין ברידזשפּאָרט.

נאָכדעם ווי פר. גרינשפּאַן פון בר. 397 ווערט ערזועהלט אַלס דיסט. סעק., ווערט די קאָנפערענץ געשלאָסען מיט דער פולער האָפנונג דורכצופיהרען אין לעבען דיזע אויבען-דערמאַנטע באשליסע.

נייטהען ליפּסקי, פּראָטאָקאָל סעק.

---

ווערטהער פריינד רעדאַקטאָר פון „פריינד“:

אויף אייער אָנפראַגע ביי אונזער אַ. ר. סעקרעטער „וואָס הערט זיך מיט דער שולע“, בין איך, אַלס דער סעק. פון דער שולע קאָמיטע, אינסטרואירט געוואָרען צו געבען אַ באַריכט וועגען אונזער קאַרגען יאָהר אַרבייט אויף דיעזען געביעט, און איך האָף אַז איהר וועט אונז טאַקי געבען פּלאַץ אין אונזער „פריינד“, ווייל נאָך אַלעמען — ווי אייך איז באוואוסט — איז אונזער שולע אַ קינד פון דעם ברענטש אַרבייטער רינג און מיט אַ גאַנץ קליינער אויסנאַהמע לערנען ביי אונז בלויז קינדער פון אַ. ר. מעמבערס, און זאָגאַר דער נאָמען אונזערער איז „אַרבייטער רינג אידישע ראַדיקאַלע שולע“, און אַז אונזער ברענטש 395 אַ. ר. האָט אָפּגעגעבען פריי זיין „אייגענע היים“ מיט אַלע נויטיגע אויסגאַבען דערצו, ווי באַלייכטונג, באהייצונג א. ז. וו., צו דער שולע — דאָס איז, דוכט מיר, פאַר אייך באַוואוסט. איז פון די אַלע שטאַנדפּונקטען דענק איך אַז מיר זיינען בארעכטיגט צו אַ שטיקעל פּלאַץ אין אונזער זשורנאַל.

און איצט צום פּונקט.

דער געדאַנק פון גרינדען אַ אידישע שולע אין ראָק-איילאַנד האָט שוין מיט אַ לאַנגע צייט פריהער פאַרנומען די מוחות פון די אַ. ר. מעמבערס, הויפּטזעכליך די פאָטערס פון קינדער, וועלכע האָבען, ניטקוקענדיג אויף זייער קאָסמאָפּאָליטיזם, אינטערנאַציאָנאַליזם, א. ז. וו., דאָך געוואָלט זייערע קינדער זאָלען זיי פאַרשטעהן, און זיי, די קינדער, איז ‚ווילענדיג אָדער ניט ווילענדיג האָבען זיי געמוזט שיקען זייערע קינדער אין דער תלמוד תורה. און וויסען זאָלט איהר אַז אַ תלמוד תורה אין אַ שטעדטעל ווי אונזערע איז ניט ווי ביי אייך דאָרטען אין דער גרויסער ניו יאָרק. דאָ האָט דער רבי אין ת"ת געוואוסט ניט נאָר דעם אינגעל, נאָר אויך ווער זיין טאַטע איז, און אַ קינד פון אַ ראַדיקאַלען מענשען האָט איבער זיך געהאַט מעהר השגחה ווי אַן אַנדערער, ניט חלילה אוס ער זאָל מעהר קענען, נאָר ער זאָל טראָגען סטריקט כשר'ע ציצית, לייענען קריאת-שמע, און נאָך אַזעלכעס, וועלכעס האָט אויף דעם קליינעם קינד געווירקט שנעל אַז דער טאַטע איז אַ גוי א. ז. וו. פון דעם פאַרשטעהט איהר שוין אַז ס'איז פּשוט געווען אַ נויטוועדיגקייט אַזאַ שולע צו גרינדען. אמת, אַז צום אָנפאַנג זיינען מיר ניט געווען זיכער וואָס מיר אַלע אַלס אַ גאַנצע ווילען, ווייל נאָך אַלעמען ווייסען מיר דאָך אַז אונזער אַ. ר. איז אַן ערי-מקלט פאַר אַלערליי „איסטען“. נאָר אַזוי לאַנג ווי עס האַנדעלט זיך וועגען בענעפיטס, זיינען מיר אַלע גלייכע ראַדיקאַלען. קומט אָבער צו עפּעס אַ זייטיגעס, דערקענען מיר זיך ערשט און זעהען ווער ס'איז ווער. מיר האָבען זיך גאַנץ גוט גערעכט אַז צווישען אונז וועלען זיין אַזעלכע, וועלכע ווע‍לען לגמרי זיין געגען אַ אידישער שולע, אָבער ווער זאָל וויסען אַז צווישען אונז געפינען זיך אַזעלכע וואָס וואָלטען ווע‍לען — פון ספק וועגען — אַז מען זאָל מיט זייערע קינדער לערנען דאַוונען, אָדער מעביר די סדרה זיין, אַ מפטיר אויסלערנען, און פאַר וואָס טאַקי ניט אַ דרשה צו בר-מצוה. און פּונקט ווי עס איז דאָ די צוויי עקסטרעמען, איז אויך דאָ דער מיטעל-מאַן וואָס זאָגט: טאַקי אידיש און טאַקי פּריוויגעזאַנגענעס, אָבער וואו איז עפּעס „אונזער אַלטע הייליגע שפּראַך“. איז אָט, ווי איהר זעהט, דוכט זיך אַ קליין פאַרוואָרפען שטעדטעל, און דאָך פאַרשטעהער פון כל המינים. נור דערווייל האָב איך זיך אַזוי פיעל פאַררעדט, אַז איך האָב שוין פאַרנומען אַ היבשען פּלאַץ מיט... גאָר ניט.

אַלזאָ, פון די פאַרשיעדענע רייסערייען איז אָבער דאָך באַשלאָסען געוואָרען צו עפענען אַ אידישע ראַדיקאַלע שולע, און לעצטען נאָוועמבער 1917 איז דער פאַקט געשעהען. מיר האָבען פון שיקאַגאָ אַראָפּגעבראַכט אַ לעהרער, איינער וועלכער איז דאָרט אין די ראַדיקאַלע קרייזען געווען גאַנץ פּאָפּולער, און צו אונזער צופריעדענהייט **האָבען מיר ריכטיג** געטראָפען. די צאָהל קינדער איז ניט קיין גרויסע, אָבער פאַר איין לעהרער איז דאָס גאַנץ גענוג. עס מוז גענומען ווערען אין אַכט, אַז פון די עטליכע און דרייסיג קינדער (פון 6 ביז 14 יאָהריגע) איז דער לעהרער געצוואונגען צו מאַכען 4—5 קלאַסען. היינט די באגרעניצטע צייט. און נאָך אַלעמען ווען מען געדענקט נאָך אַז פאַר אַזעלכע שולען איז כמעט ווי ניטאָ קיין לעהר-ביכער און דער לעהרער איז געצוואונגען צו ווערען אַליין אַ פאַרפאַסער, צוגרייטען וואָס צו לערנען, אָפטמאָל מיט דער הילף פון אַ העקטאָגראַף, ווען מיר דאָ אין ראָק-איילאַנד נעהמען דאָס אין אנבאַטראַכט, זעהען מיר אַז זעהר פיעל איז פאַר דעם קאַרגען יאָהר אויפגעטאָן געוואָרען. גאַנץ אָפט ביי אונזערע פאַרשיעדענע שמחות קומען זיך צוזאַמען אונזערע קינדער — וועלכע האָבען מיט אַ קורצער צייט צוריק אַ וואָרט אידיש ניט פאַרשטאַנען — און זינגען פאַר אונז אידישע ליעדעלעך פון פאַרשיעדענע מינים, פרעהט טאַקי דאָס האַרץ.

געוויס האָפען מיר אַז דער באשלוס פון דער קאָנווענשאָן און רעפערענדום וועגען דעם קליינעם טעקס פאַר די שולען וועט שאַפען עפּעס גוטעס פאַר אונז אויך — הגם מיר ווייסען ניט ווי אַזוי דיעזער פאָנד וועט באנוצט ווערען — אויב ניט קיין דירעקטע שטיצע, איז כאָטש אינדירעקט דורך דעם וואָס עס וועט האָפענטליך געשאַפען ווערען מיט דער הילף פון דיעזען פאָנד גוטע טעקסט-ביכער און מעהר אָרדנונג אין דיעזער נויטיגער אַרבייט.

און איהר, פר. רעדאַקטאָר, וועלכער איז באַקאַנט מיט אונזער שטעדטעל, לעהרער, שולע און געגנאָסען, זייט אַזוי גוט און זייט זיך משתדל מיט אַ גוט וואָרט פון אונזערטוועגען, אויב עס וועט אַזעלכעס פאָרקומען.

מיט פריינדליכען גרוס
ראובן יומענסקי, סעק. שולע קאָמיטע.

---

איינגאַהמע פון די אידישע סאָציאַליסטישע קינדער-שולע אין פּעטערסאָן, פון 20טען יאַנואַר 1918 ביז'ן 1טען יולי 1918:

| | |
|---|---|
| פאַר לערנען — — — — — — — — | $112.80 |
| אונטערנעהמונגען — — — — — — — | 148.63 |
| דאָנײשאָנס — — — — — — — — | 123.75 |
| ברענטש 192 אַרבייטער רינג — — — — | 67.00 |
| קאָאָפּעראַטיווע בעקערי — — — — — | 50.00 |
| ברענטש 13 אַרבייטער רינג — — — — — | 28.00 |
| ברענטש 3 ס. פּ. — — — — — — — | 12.00 |
| קאָלעקשאָן — — — — — — — — — | 11.05 |
| לאָדזשער בונדיסטישער רעליעף — — — — | 5.00 |
| סאָציאַליסטישער פרויען פעראיין — — — | 6.00 |
| ביכער — — — — — — — — — — | 21.51 |
| ברענטש 121 אַרבייטער רינג — — — — — | 2.00 |
| בוטשער-קאָאָפּעראַטיווע — — — — — — | 1.00 |
| צוזאַמען איינקינפטע — — — | $588.80 |

אויסגאַבען פון 20טען יאַנואַר 1918 ביז'ן 1טען יולי 1918:

| | |
|---|---|
| לעהרער — — — — — — — — — — | $268.80 |
| ביכער — — — — — — — — — — | 33.38 |
| פּרינטינג — — — — — — — — — | 26.00 |
| עקספּענסעס פאַר די קינדער — — — — — | 24.83 |
| רענט — — — — — — — — — — | 24.00 |
| בענטשעס — — — — — — — — — | 14.50 |
| פּאָסטיידזש און פּעיר — — — — — — | 8.76 |
| בלעקבאָרד — — — — — — — — — | 5.25 |
| העקטאָגראַף — — — — — — — — — | 3.25 |
| האָלל — — — — — — — — — — | 6.00 |
| קינדער צייטונג — — — — — — — — | .50 |
| צוזאַמען אויסגאַבען — — — — | $415.27 |
| געבליבען צום 1טען יולי אין קאַסע — — — | 173.53 |

יואל שטאַרק, סעק. משה קאַלינסקי, טרעזשורער.
פינאַנץ קאָמיטע: ישראל יודעל ליפּשיץ, ברוך לייב, מאיר לאַקס.

* * *

נאָוועמבער איז אַ פאַרוואָלקענטער מאָנאַט, איבערהויפּט פאַר די קאַפּיטאַליסטישע פּאָליטישענס, וואָס האָבען געהאַט אַ וויסטען סוף ביי דעם באַלאָט-באָקס.

THE FRIEND




דער פריינד

Vol. IX · DECEMBER, 1918 · No. 12



# פון מאנאט צו מאנאט

**דער אידישער קאָנגרעס און די ארבייטערשאַפט**

די אידישע אָרגאַניזירטע ארבייטערשאַפט האָט זיך נאָך אַן איבעריגען מאָל ארויסגעוויזען צו שטעהן אויף דער הויך פון קלאַסען אזוי גוט ווי נאַציאָנאלען באַוואוסטזיין. די איסטערן קאָנפערענץ, וואָס די נאַציאָנאלע ארבייטער קאָמיטע האָט אין איילעניש צוזאַמענגערופען, האָט איבערגעשטיגען אלע ערוואַרטונגען. סיי לויט איהר אויטאָריטאַטיווען צוזאַמענשטעל, ארום אכט הונדערט דעלעגאַטען, און סיי לויט די אָנגענומענע באַשטימונגען, איז זי געווען אַ נייע ערשיינונג אין דער גשיכטע פון אונזערע קאָנפערענצען. די מאַיאָריטעט איז אין יעדער פראַגע געווען אַ גרויסע, אַן איבערוועגענדע. זי קען אלזאָ אָנגענומען ווערען אלס דער מעגליכסט ריכטיגסטער אויסדרוק פון אונזערע אָרגאַניזאַציאָנען.

עס איז באַשלאָסען געוואָרען צו באַטייליגען זיך אין אידישען קאָנגרעס, אום צו שאַפען אַן אויטאָריזירטע פארטרעטערשאַפט, וואָס זאָל קענען רעדען אין נאָמען פון אלע אידען און נייט פארלאָזען זיך אויף דעם יושר פון די כלל־פאַרזאָרגער, אָדער אויף דעם ראַדיקאַליזם און אידישקייט פון די ציוניסטען.

דער כאַראַקטער פון די אידישע ארבייטער־אָרגאַניזאַציאָנען איז שוין אזוי קלאָר, דער קלאַסען־באַוואוסטזיין אזוי בולט אויסגעדריקט, די גרענעצען פון הברותא מיט די בורזשואזיע אזוי שאַרף פאַנאַנדערגעטיילט, אַז זעהר ווייניג אויף דער קאָנפערענץ האָבען געברויכט דעם ארגומענט, אַז געהענדיג אויף אַ קאָנגרעס צוזאַמען מיט די בורזשואזע עלעמענטען קענען מיר דאָרטען פארליערען אונזער פראָלעטאַרישען פנים.

די אָבער, וואָס האָבען גערעכענט, אַז די אידישע אָרגאַניזירטע ארבייטער וועלען זיך ארײנלאָזען אין פאַלעסטינאַ־רעזאָלוציעס פון וועלכען עס איז סאָרט, האָבען געמאַכט אַ גרויסען טעות. אלע פאַלעסטינאַ־רעזאָלוציעס זיינען אָפּגעלעגט געוואָרען אָן אַ זייט. קלאָר האָט זיך דערמיט די קאָנפערענץ אויסגעדריקט, אַז פאַלעסטינאַ איז נאָר ביי די אידישע ארבייטער איינע פון די לענדער, אָבער נשט דאָס לאַנד. עס איז געווען פארשטאַנען, אַז די אידישע אָרגאַניזירטע ארבייטער זיינען גרייט איינצושטעלען זיך פאַר די בירגערליכע, קולטורעלע און נאַציאָנאלע רעכטע פון די אידען אין אלע לענדער, וואו אידען וועלען עס נאָר פארלאַנגען, נישט מאַכענדיג קיין אויסנאַהמען.

עס איז אויך באַשלאָסען געוואָרען צו פאררופען אַן אלוועלטליכען אידישען ארבייטער־קאָנגרעס אום צו פאַראייניגען די טיילען, וועלכע די מלחמה האָט אזוי אונערבאַרעמליך צוריסען, און צו באַשאַפען אַן איינהייטליכע שטעלונג צו די פראַגען, וועלכע עס שטעהען פאַר די אידישע ארבייטער, אלס ארבייטער און אלס אידען.

אין דער קאָנפערענץ, ווי אויך אין די וויכטיגסטע קאָמיטעס, איז דער ארבייטער־רינג געווען זעהר שטאַרק פארטראָטען. אונזערע בראַנטשעס וועלען אָהן צווייפעל זעהן צו זיין די איניציאַטאָרען פון דער ווידעראויפלעבונג פון דער נאַציאָנאלער ארבייטער קאָמיטע, ווי עס איז איינשטימיג אויסגעדריקט געוואָרען אויף דער קאָנפערענץ און וואָס האָט אויך אלע אויסזיכטען אָנגענומען צו ווערען אויף דער וועסטערן קאָנפערענץ אין שיקאַגאָ.

* * *

**דער יום־טוב פון די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען**

דעם קומענדען יאַנואַר ווערט דריי סיג יאָהר, ווי עס איז ענטשטאַנען די אידישע ארבייטער־באַוועגונג אין אַמעריקאַ. עס וועט אפילו נישט זיין זעהר פיעל איבערטריבען, ווען מיר וועלען באַהויפּטען, אַז דאָס איז אַנגענטליך געווען די ענטשטעהונג פון דער אידישער ארבייטער־באַוועגונג אין דער גאַנצער וועלט. רעוואָלוציאָנערע גרופּען און סאָציאַליסטישע קרייזלאַך האָבען געמעגט עקזיסטירען דאָ און דאָרטען נאָך פריהער, אָבער קיין פאַראייניגטע באַוועגונג, וואָס זאָל אָנריהרען ברייטע [illegible]טען ארבייטער, איז נישט געווען.

ערשט אין אָנהויב פון דעם יאָהר 1889 האָט זיך געגעבען אין ניו יאָרק דער ערשטער שאָקעל די וויעגעלע פון דער אידישער ארבייטער־באַוועגונג. און אויב מיר האָבען יעצט הונדערטע טויזענדער אידישע ארבייטער אָרגאַניזירט אין אלע צווייגען פון דער מאָדערנער ארבייטער־באַוועגונג, אין יוניאָנס, א. ר. בראַנטשעס, סאָציאַליסטישע פארטיי בראַנטשעס, קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעהמונגען, לייבאָר לייסעאומס, צייטונגען און זשורנאַלען, פערלאַגען, זעלבסט־בילדונג קלובען און ארבייטער קונסט גרופּען — דאַרפען מיר צוריקבליקען צו יענעם טאָג, אין וועלכען עס איז געלעגט געוואָרען דער ערשטער דויערנדער ווינקעל־שטיין פון די אלע אונטערנעהמונגען.

עס איז דאַריבער נישט נור דער יום־טוב פון די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען אליין, נאָר אויך פון אלע אידישע ארבייטער אָרגאַניזאַציאָנען, וואו זיי זאָלען נישט זיין און ווי זיי זאָלען נישט הייסען.

די פייערונג פון די אידישע פאַראייניגטע געווערקשאַפטען אין ניו יאָרק דעם 1טען דעצעמבער וועט זיכער אויך אריינ־

שליכען טויזענדע און טויזענדע א. ר. מיטג[illegible] וועלא־קומען פייערען דיעזען יום־טוב.

און א גרויסער יום־טוב איז עס. [illegible] פון דרייסיג יאהר צייט איז עס געלונגען פאנ[illegible] אזא פיעלזייטיגע, פיעלפארביגע און פיעל־צוזאגנ[illegible] אין די צייטען ווען מ'האט נאך אלין געדארפט ז[illegible] רכ־ברעכען וועגען און אפט מיט די אייגענע נ[illegible] שמירען די רערער פון דער ענטוויקלונג, היינט וואס קענען מיר ער־ווארטען אין דרייסיג יאהר ארום, ווען די פליגלען פון אלע ווינטען האבען גענומען דרעהען אונזערע מיהלען, און ווען אלע רעדער אין דער וועלט ראלען מיט אזא מעכטיגען כח צו דער אונפארמיידליכער ארבייטער־הערשאפט.

* * *

**די לעצטע קאנגרעס וואהלען** שווער צו באהויפטען, אז אן איינהייט־ליכער אורטייל איז ארויסגעטראגען געווארען דעם 5טען נאוועמב. ביי דעם פאליטישען גרינעם טיש. איבערהויפט ווען די רזשורי איז אויפגערעגט און אויסעדסט געשפאנט, אין א [illegible]ין א האלבער נצחון־שכרות און א האלבער שנא[illegible] יט, קען מע [illegible]יט ערווארטען פון איהר, אז זי [illegible] א „פעיר היע־[illegible]ין ארויסטראגען אן איינהייטליכען אורטייל. עס איז [illegible]ין נישט קיין זיעג פון די רעפובליקאנער און נישט [illegible] פון די דעמאקראטען. עס זיינען נישט די שעהנע א[illegible] די ערשטע און די לאנגע אויערען פון די צווייטע, [illegible]ען צוגעצויגען אדער אפגעשטויסען. עס איז דער [illegible] זיעג פון פאליטישער פרינציפענלאזיגקייט. עס איז [illegible]ון דעם אויסגעהאלטענעם שטאנדפונקט. צופעליג־[illegible]א נישט געשפיעלט די קלענסטע ראלע, ווי די שטע־[illegible] מלחמה פראגען האט נישט געשפיעלט די גרעסטע. [illegible]רכשניטליכער בירגער האט זיך געפיהלט אין דעם [illegible]ושטש און אויב ער האט עפעס פאזיטיוועס גע־[illegible]ס געוועזען צו צוקלאפען די רויטע, די כל־בו'ניקעס, [illegible] וועמען די סעקיוריטי־ליעגס און די פארשידענע [illegible]פענס"־קאמיטעס ווייזען אן, אז זיי זיינען אין אזא צייט [illegible]ין „פאטריאטען" נישט...

די פארקויפטע פרעסע האט אלין וואס איז נאר געלעגען אין איהרע כחות געטאן צו פארשטארקען דעם איינדרוק. זי האט נאר ערטערווייז אונטערגעוואונקען מיט אן אויגעל, אבער אין מעהרסטע פלעצער האט זי געקוויטשעט אויף איהר העכ־סטען פאלצעט: ראטעוועט דאס לאנד איהר עהרליכע, פריעד־ליכע בירגער פון די רוצחים סאציאליסטען, וואס קלייבען זיך עס אלעס צו פארכאפען אין זייערע הענד און צו מאכען א תל פונ'ם לאנד.

אין די ערטער, וואו די סאציאליסטישע „געפאהר" איז געוועזען גרוים האט מען זיך טאקע פאראייניגט און עס איז ווירקליך ריהרענד געוועזען צו זעהן די סצענע, ווי דער גרויסער, יחסנ'דיגער, שווערער און אונבאוועגליכער העלפאנד האט זיך עס געבויגען מיט ממזר'ישע ליעבע־אויגען צו דעם איינפאכען נידעריגען חמור...

די פאראייניגטע געגנער האבען אונז אין פיעלע ערטער אפגעשטופט פון אונזערע פאזיציעס. עס האט זיך זיי אבער אין ערגעץ בשום־אופן נישט איינגעגעבען אונז צו צוקלאפען. אונטער'ן שווערען אונגעהערטען דרוק פון שקרים און כזבים, פון גנבות און גזלות, פון טערור און פייסט, האבען מיר ערטערווייז אפגעטראטען אויף הינטערשטע פאזיציעס... אין פיעלע פלעצער האבען מיר אונזער פראנט געהאלטען און נישט געלאזט דעם שונא דורכברעכען. דערפאר האבען מיר אויך אין איין פלאץ א גרויסען נצחון געהאט. מילוואקי קאונטי איז אינגאנצען אונטער די זיעגרייכע פאהן פון סאָ־ציאליזם געקומען. אויסער וויקטאר בערגער, וואס איז ער־וועהלט געווארען אלס קאנגרעסמאן, זיינען נאך ערוועהלט גע־ווארען צעהנדליגע סאציאליסטישע בעאמטע...

מיר זיינען שטאלץ, וואס אונזערע ארבייטער־רינג ברענ־טשעס זיינען אין פיעלע פלעצער געשטאנען אין צענטער פון קאמף און האבען פיעל בייגעטראגען צו די נצחונות. מיר האבען זיך אבער אויך נישט וואס צו שעהמען מיט אונזערע ברענטשעס אין די ערטער, וואו מיר האבען פארלארען, ווי־סענדיג, אז ביז די לעצטע מינוט האבען זיי זיך אזוי העלדיש געראנגעלט און אזוי גאלאנט געטראגען אלע לאסטען, ווי עס פאסט פאר פראלעטארישע קעמפער.

* * *

**שלום און פרייהייט** די ביטערע טראפען, וואס איז אויסגעקומען אראפצושלינגען אונזערע פריינד אין איניגע שטערט דעם פינפטען נאוועמבער, זיינען אבער אין איניגע טעג ארום גלייך פארזיסט געווארען פון דער גע־פליגעלטער בשורה פון וואפענשטילשטאנד, וואס איז א פאר־שפיעל פאר שלום. עפעס ווי בלומען־גלעקלאך וואלטען זיך זאנפט צוקלונגען אין אונזערע הערצער און יעדען ביטערען שפור פון יאוש פארטריבען. דער שווערער, שטיקענדיגער בלוט־טיגער קאשמאר האט זיך א טרייסעל געטון און נעמט זיך פארשווינדען, ווי א בייזער חלום.

און באגלייט זיינען די העלע שלום־טענער געווארען פון א צויבערפולען אקאמפאנימענט — און אונז איינפאך פאר'־שכור'ט: די גרעסטע ציטאדעל פון רעאקציע און יונקערטום אין איירפא איז אויף שפענדלאך צופאלען און אויף איהר ארט די הערשאפט פון די ברייטע ארבייטענדע מאסען מיט אזוי פיעל רעגענבויגענדיגע האפנונגען און ערווארטונגען עטאבלירט.

דייטשלאנד א רעפובליק! דער קייזער אנטלויפט מיט קין'ס צייכען אויפ'ן שטערען! די סאציאליסטען אין פולשטענ־דיגער קאנטראל פון דער רעוואלוציע! אין אלע ווינקעלאך פון איירפא צולעקען זיך פייער־צונגען מיט א מורא'דיגער קראפט און ברעכען אויס דא און דארטען אין רראהענדע פלא־מען. איז נישט אמאל שוין געקומען דער גרויסער טאג, צו וועלכען עס האבען געבליקט די טרוימערישע אויגען פון די בעסטע זיהן און טעכטער פון דער מענשהייט?

אנטלויפען עס נישט די לעצטע פינסטערע שאטענס פון דער פארגאנגענהייט פאר די ווייכע ליכט־שטראהלען פון דעם רייצענדען פריהמארגען?

וואס פאר א גרענצלאזע ליכטיגע האריזאנטען עס עפענען „מפלות", וואס עס איז געלונגען עטליכע לומפען צו בא־שווינדלען אונז און דאס פאלק, אין פארגלייך מיט די אטעם־פארכאפענדע און איינפאך קוים גלויבליכע בשורות, וואס קומען אן יעדע מינוט פון אלע ווינקעלאך פון דער ערד!

וואס פאר א נישטיגע ווערדע עס האבען עס אונזערע זיך פאר אונז, וואס זיינען נישט געווען קיין פאסיווע צו־שויער אין דיעזער פירכטערליכער דראמא!

**נישטאָ מעהר וויקטאָר אַדלער**

די אויגען פון דעם אַלטען וועטעראַן און קעמפּפער וויקטאָר אַדלער האָבען זיך גראַדע געשלאָסען אין דעם מאָמענט, ווען די פּאַרטיי, וואָס ער האָט אַזוי פיעל יאָהרען געפיהרט, האָט זיך געשטעלט אויף דעם שפּיץ פון דער עסטרייכישער רעגיערונג, און ווען פון דייטשלאַנד האָט אָנגעהויבען צו קומען די בשורה פון רעוואָלוציאָן. אַדלער איז געווען אַ פיהרער נישט נאָר פון די עסטרייכישע סאָציאַליסטען, נאָר אויך פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, אַ מוטיגער קעמפּפער, אַן אויסגעצייכענטער פּאַרלאַמענטאַרישער פלאָר-פיהרער און אַ מוסטער-האַפטער פּרינציפּען-פעסטער לעהרער.

עס איז אַ גרויסער פאַרלוסט, אַ שווערער פאַרלוסט. און ווען עס וואָלט נישט געטראָפען אין דיזע שטורעמדיגע טעג, נאָר אין אַנדער צייט, וואָלט מען לאַנג, לאַנג אין די סאָציאַליסטישע קרייזען נישט פאַרגעסען אָן דיזען שרעקליכען קלאַפּ.

* * *

**אונזער לעגאַליזאַציע אין מישיגאַן**

ווען אונזער נאָוועמבער נומער „פריינד" איז שוין געלעגען איינגעשמידעט אין די אייזערנע פּרעס פאָרמעס איז אונז אָנגעקומען די פרעהליכע נאַכריכט, אַז אויך מישיגאַן סטייט האָט פאַר אונז ברייט אויפגעמאַכט איהרע טירען — מיט זיינען שוין דאָרט אויך לעגאַליזירט.

דאָס איז דער גרעסטער געווינס, וואָס דער א. ר. האָט צו פאַרצייכענען פאַר דער לעצטער צייט אויף דעם געביעט פון לעגאַליזאַציע און עס וועט מיט פרייד אויפגענומען ווערען ווייט איבער די גרענעצען פון מישיגאַן סטייט.

איינער פון די גרעסטע אידישע נייע אַרבייטער-צענטערס, דעטראָיט, איז אין מישיגאַן סטייט און עס עפענען זיך דאָרט אויף פאַר'ן א. ר. גלענצענדע פּערספּעקטיוון.

די אַרבייט פאַר דעם אַרבייטער-טעמפּעל, וואָס געהט אָן אין דעטראָיט שוין פאַר עטליכע מאָנאַטען, די פאָרבערייטונגען צו דער א. ר. קאָנווענשאָן און די יעצטיגע נייעס וועגען די לעגאַליזירונג פון סטייט וועלען אַריינבלאָזען אַ נייעם גייסט פון שעפּערישער ענערגיע אין אונזערע אַזוי אויך טרייע און איבערגעגעבענע מיטגליעדער פון די דעטראָיטער א. ר. ברענטשעס.

נאַטירליך, די הויפּט בעלי-שמחה זיינען אונזערע ברענטשעס אין דעטראָיט, גראַנד-ראַפּידס און פלינט. מיר גראַטולירען אייך, פריינדע, מיט אייערען — אונזערען ערפאָלג.

* * *

**די עפּידעמיע און דער א. ר.**

עס איז נאָך דערווייל שווער צו אונטערציהען דעם סך-הכל פון דעם חורבן, וואָס די מגפה האָט אָנגעמאַכט אין פאַרשיעדענע ברענטשעס, און איהר ווירקונג, וואָס זי האָט אויסגעאיבּט אויף אונזערע פאַרשיעדענע פאָנדען. נישט ווייל מיר קענען געפיהרט ווערען צו דענקען, אַז אונזערע פונדאַמענטען פון וועלכע עס איז פאָנדען האָבען זיך אַ טרייסעל געטון, וואָלט זיך אונז וועלען מאַכען אַ סך-הכל. יעדערער פון אונזערע פאָנדען איז אַזוי פעלזענפעסט און באַזאָרגט מיט אַזוי פיעל רעזערוו-ק[illegible]יאַל, אַז עס קומט אונז אפילו נישט אַרויף אויפ'ן זינען [illegible] זיך דאַריבער. עס איז נאָר אויס אָפּצושאַצען די [illegible]דיגקייט פון דער מגפה און פון דער צווייטער [illegible] פאַרבעדייטונג אין נויט-פאַלען, וואָס עס [illegible] אונז אין אונטערציהען אַן אונטערשטע שורה.

אָפּגעזעהן דערפון, וואָס הונדערטע און הי[illegible]ק-סערטיפיקייטס" האָבען פאַרפאַלייצט דעם אָפּי[illegible] איז ערלעדיגט געוואָרען פאַרהעלטניסמעסיג פּינקטליך און אין צייט, האָט דער אָפיס, לויט דעם באַשלוס פון דער עקזעקוטיוו, שנעל אָרגאַניזירט אַ מעדיצינישען קאָרפּוס פון דאָקטוירים און נוירסעס אונטער דער אָנפיהרונג פון דר. היבּש (אַסיסטענט סופּעראינטענדענט פון אונזער סאַניטאַריום), וואָס האָט באַדיענט געהאָלפען אונזערע ניו-יאָרקער מעמבערס אין דעם אומגליק.

אין אַלגעמיין האָט זיך די גרעסטע טייל ברענטשעס איבער'ן לאַנד אויך נישט פאַרלאָרען און עס זיינען אין פאַרשיעדענע ערטער אָרגאַניזירט געוואָרען פליהענדע הילפס-גרופּען, וואָס האָבען גרעטעוועט אונזערע מעמבערס.

נאָך אַ ביטערער שטורעם האָט זיך אַדורכגעטראָגען, אָבער אויך ער איז נישט אימשטאַנד געווען אויפצוטרייסלען אונזערע געזונטע וואָרצלען.

* * *

**נאָך אַ שטילשטאַנד**

אונזער אַרבייט פאַר זיבעציג טויזענד מיטגליעדער ביז דער דעטראָיטער קאָנווענשאָן האָט זיך געהאַט צייטווייליג אָפּגעשטעלט צוליעב דער ווילדער עפּידעמיע. אין די מעהרסטע ערטער זיינען מיטינגען פאַרבאָטען געוואָרען און עס איז זאָגאַר אונמעגליך געווען אַדורכצופיהרען די טאָג-טעגליכע אַרבייט פון אַרבייטער-רינג, אויסער די דרינגענדע אַרבייט פון אַראַנזשירען דאָקטוירים און הילף פאַר די געטראָפענע פון דער מגפה.

דערצו האָבען די לעצטע עטליכע וואָכען געווירקט אַנדערע פאַקטאָרען, וואָס האָבען אָפּגעצויגען די אויפמערקזאַמקייט פון אונזער מיטגליעדער-קאַמפּיין. די אָנגעשטרענגטע און געשפּאַנטע שטימונג אין דער צייט פון די פאַרהאַנדלונגען וועגען אַ וואַפענשטילשטאַנד, דער אויסברוך פון רעוואָלוציאָן אין צענטראַל-איירופּאַ, אויך אונזערע נאָוועמבער וואַהלען, זיינען ניט געווען גינסטיג פאַר דער אַרבייט.

יעצט, ווען די מגפה האָט פאַרלאָרען איהר אימפּעט, ווען די נערוועזיטעט וועגען מלחמה און שלום האָט זיך אויף פיעל פאַרמילדערט און נאָרמאַלערע באַדינגונגען שטעלען זיך איין, געפינען מיר אַן אויסגעצייכענטע פעלד נייעס נור פאַר אונזער אַלגעמיינער א. ר. טעטיגקייט, נאָר טאַקי [illegible]זר דעם מיטגליעדער-קאַמפּיין.

די ברענטשעס **מוזען** גלייך צ[illegible] מאַכען די פּרוּוען פון זייערע מיטגליעדער, וואָס ג[illegible] נישט צום א. ר., **פאַר מיטגליעדער**. די פ[illegible]ען זיך דאָך יעצט געקענט אַזוי לייכט איבערצייגען, [illegible]טיכט און אונזיכער עס איז די לאַגע פון דעם א[illegible]ן קליינעם ביזנעס-מאַן, ווי נאָר קראַנקהייט און א[illegible]ט אָן אַ טיר. מיר קענען שוין יעצט אַריינגעמען [illegible] פון די דרעפּט-עלטער אין **אַלע** קלאַסען און מי[illegible] קרוטי[illegible] הונדערטע און הונדערטע מיטגליעדער פון [illegible] זערע פריינדע, וואָס זיינען נישט עלטער פ[illegible] פי[illegible] יאָהר.

עס בלייבט נאָך איבער פינף מאָנאַ[illegible]יטון אַ ריזיגע אַרבייט. מיר זיינען זיכער, א[illegible] איבער'ן גאַנצען לאַנד וועלען ערפילע[illegible] געגנוי, אויב נישט אַריבער, זייער[illegible] רעקרוטירען זיך שוין די נייע[illegible] און הונדערטער און דער קא[illegible] אימפּעט. די „קאַונטרי" גר[illegible] נאָך גרעסערע איבעראַשונגען

י. טרלער




זילבער גלאָקען הילכען, קלינגען,
הערצער טאַנצען, הערצער זינגען:
„שלום! שלום! שלום!“
ס׳ווערט די וועלט איצט אַ גן עדן,
אוים מיט זיפצען, אוים מיט ליידען —
לעבען זאָל דער שלום!

ס׳וועלען שווערדען מעהר ניט פעכטען,
מענשען־קינדער מעהר ניט שעכטען —
שלום! שלום! שלום!
שטום געוואָרען די קאַנאָנען,
און צושמעטערט הערשער־טראָנען —
לעבען זאָל דער שלום!

אוים מיט בלוט און אוים מיט טרערען!
ס׳האַלט איצט אין מקוים ווערען
יענעם נביאים חלום:
„ס׳ווערט דער שעפס צום וואָלף געטוליעט
ליגען ליעבליך איינגעלוליעט,
לעבענדיג בשלום!“

טאַטעס, מאַמעס! אייערע קינדער
שלאַכט מען מעהר ניט אוים ווי רינדער —
שלום! שלום! שלום!
מלחמה ווערט געפיהרט צו קבורה
און עס שאַלט די רויטע בשורה:
„שלום! שלום! שלום!“

רויטע פרייהייטס־רויזען בליהען,
ווייסע פריעדענס־טויבען פליהען,
מעלדענדיג דעם שלום;
ס׳איז דער ווינטער מיט דעם פריהלינג
איצט אַ וואונדערשעהנער צווילינג —
לעבען זאָל דער שלום!

פלאַטערט הויך איהר רויטע פאָהנען
אויף די הורבות פון די טראָנען,
און זאָגט אָן דעם שלום!
גענוג געקעמפט, גענוג געשטריטען,
הויך ווערט אויף ליכט פערביטען —
לעבען זאָל דער שלום!

טרילט, איהר פלייטען! שאַלט טראָמפייטען!
פידלען, האַרפען און קלאַרנעטען!
קינדיגט אָן דעם שלום!
העלער שטראַהלט איהר זונען־שטראַהלען,
שטאַרקער רוישט איהר וואַסער־פאַלען:
„לעבען זאָל דער שלום!“

זינגט זשע שוועסטער, זינגט זשע ברידער,
יונגע, פרייע, נייע לידער,
זינגט פון גליק און שלום!
זינגט איהר פינקעלדיגע שטערען,
ס׳האַלט איצט אין מקוים ווערען
אונזער גרויסער חלום!...

# די ליבעראַלע טענדענצען פון גרויס־קאַפּיטאַל

פון א. ש. זאַקס

דער ליבעראַליזם איז דער טיפּישער, כאַראַקטעריסטישער אויסדרוק פון׳ם גרויס־קאַפּיטאַל, בשעת ער האָט איבערגעלעבט זיינע יונגע פריהלינגס־יאָהרען.

אין יענע צייטען — אין׳ם ערשטען העלפט פון פאָריגען יאָהרהונדערט — ווען דער קאַפּיטאַל האָט אָנגעפאַנגען איינצונעהמען די וועלט, ווען אין אַלע ווינקעלעך פון לאַנד איז געוואָרען ליכטיג פון זיין בליאַסק, איז דער ליבעראַליזם שטאַרק אריין אין דער מאָדע.

דער ליבעראַליזם איז קעגען דעם, מען זאָל מאַכען געזעצען, וואָס זאָל באַשיצען די אַרבייטער. דער שטאַאט — טענה׳ן די ליבעראַלען — דאַרף זיך ניט אַריינמישען אין די סכסוכים צווישען אַרבייט און קאַפּיטאַל. מען מוז דעם דאָזיגען קאַמף איבערלאָזען דעם פרייען שפּיעל פון די קרעפטען. דאָס איינציגע געזעץ, וואָס מוז פון שטאַאט אָפּגעהיט ווערען — איז דאָס אייגענטומס־רעכט. יעדער איינציגער האָט דאָס פולע רעכט צו באַנוצען און טון מיט זיין אייגענטום, ווי ער געפינט פאַר נויטיג ... אפילו דער שטאַאט, האָט ניט דאָס רעכט ... ניט פאַרשריפטען און באַגרענציגונגען

... ט אַרויס געוויסע געזעצען, אויב ער ... פון אַרבייטס־טאָג, דעם סכום פון ... בייטס־באַדינגונגען, באַשרענקט ער ...

דערמיט די פרייהייט פון די אונטערנעהמער, וועלכע ווערען געפּענטעט און קאָנען זיך ניט פריי באַוועגען.

דער טעאָרעטישער יסוד פון׳ם ליבעראַליזם איז די אינדיווידואַליסטישע שיטה אין פּאָליטישער עקאָנאָמיע — די שיטה פון די קלאַסיקער אַדאַם סמיט, ראָבערט מאַלטוס און דוד ריקאַרדאָ, אויף וועלכע מיר וועלען זיך אביסעל אָפּשטעלען.

אַדאַם סמיט, ווי זיינע אַנהענגער, איז געווען אַ גרויסער געגנער פון אַפּוטרופּסות. ער איז געווען געגען דעם, די רעגירונג זאָל זיך אַריינמישען אין פּריוואַט־אינטערעסען. „יעדער אינדיווידואום מוז זיין פריי אין זיינע האַנדלונגען“ — אָט איז דער תוך פון דער דאָזיגער טאָריע.

שטעלט זיך אָבער די פראַגע: וויבאַלד אַז יעדער יחיד, יעדער אינדיווידואום וועט טון וואָס ער וויל און ווי ער וויל און די רעגיערונג וועט איהם ניט קענען זאָגען אַ דעה, טאָ וועט דאָך זיין אַ גאַנצער מישמאַש אַ תהו ובהו אין דער געזעלשאַפט, וואָס מוז לעבען אין אַ געוויסער האַרמאָניע? די פריהערדיגע פּאָליטיקער, די מערקאַנטיליסטען אַשטייגער, האָבען טאַקי דעריבער געזאָגט אַז מען טאָר ניט לאָזען יעטווידען פריי און פראַנק האַנדלען, עס קאָן ווערען אַ הפקר־וועלט, די רעגיערונג איז דער בעל־הבית פון לאַנד און זי דאַרף אויפּפּאַסען, אַז יעדער יחיד זאָל טון וואָס און ווי מען הייסט איהם, אָבער ניט ווי ער וויל — דאָס איז דער בעסטער מיטעל אָפּצוהאַלטען די געזעלשאַפט פון אַנאַרכיע. דער מענש איז

בטבע שלעכט (עיר פרא אדם יולד), און ווען די רעגיערונג זאָל ניט אויפפּאַסען אויף איהם און איהם ניט איינצוימען דורך פאַרשיעדענע געזעצען, וועט ער נור שאָדען ברייגגען דער געזעלשאַפט.

אַנדערע וויסענשאַפטסלייט — די פיזיאָקראַטען — האָבען געלערנט, אַז די אָרדנונג און די האַרמאָניע אין דער געזעלשאַפט וועט געשאַפען ווערען דורך די נ א ט ו ר גופא, וועלכע רעגולירט אויך די באַציהונגען צווישען מענשען, ווייל דער מענש ווערט געבוירען אַ גוטער, מיט גוטע מדות, און ווען מען זאָל דעם מענשען איבערלאָזען דער פרייער ענטוויקלונג פון דער נאַטור לויט זיינע נאַטירליכע אייגענשאַפטען, וועט קומען דער בעסטער סדר און די באַציהונגען פון איין מענשען צום צווייטען וועלען זיין די פריינדליכסטע.

אדאַם סמיט האָט אָבער ניט מסכים געווען, ניט מיט די מערקאַנטיליסטען און ניט מיט די פיזיאָקראַטען, אָדער בעסער, ער האָט מסכים געווען אַביסעל מיט די ערשטע און אַביסעל מיט די צווייטע. „ניט די רעגיערונג, אויך ניט די גוטע מדות פון מענשען קענען שאַפען די האַרמאָניע אין דער געזעלשאַפט. די האַרמאָניע אין דער געזעלשאַפט ווערט באַשאַפען נור דורך דער אונבאַגרעניצטער פרייער אַרבייט פון יעטווידען יחיד באַזונדער“ — מיינט אַדאַם סמיט. די באַוועגונג, די טרייב־קראַפט פון אונזער געזעלשאַפטליכער ענטוויקלונג — איז די מלחמה פאַר'ן לעבען, וואָס יעטווידער מענש פיהרט, אָדער דער „פּערזענליכער עגאָאיזם“ — ווי אַדאַם סמיט אַליין רופט דאָס.

יעדער מענש שטרעבט אויסצובעסערען זיין לאַגע. אין אַלע זיינע עסקים, וואָס דער מענש פיהרט, מאַטערט ער זיך צו האָבען וואָס מעהר נוצען און פאַרוועגדען דערביי וואָס ווייניגער אַרבייט. לעבענדיג שטענדיג מיט אַזאַ רעכענונג, קלייבט דער מענש אויס אַזוינע פּראָדוקציאָנס־מיטעל, דורך וועלכע זיין אַרבייט און קאַפּיטאַל זאָלען איהם געבען מעהר פּרנסה. כל־זמן דיעזע פּראָדוקציאָנס־מיטעל זיינען ניי, גוט און ברייגגען פּרוכט, האַלט ער זיי, ווערען זיי אַלט, אָדער ווען עס ווערען ענטדעקט נייע פּראָדוקציאָנס־מיטלען, פון וועלכע מען קען מעהר נוצען האָבען — פיהרט דער מענש איין אָהן דער הילף פון דער רעגיערונג די נייע אויסגעבעסערטע מיטלען און געצייג.

אין מסחר האַנדעלט אויך דער מענש מיט אויסרעכענונג.

דער מענש ווענדט אָן אַלע מיטלען צו פאַרקויפען זיינע סחורות פאַר אַ גרעסערען מקח און, פאַרקעהרט, קויפען וואָס וועלוועלער.

די אייגענע זאַך קומט פאַר צווישען אונטערנעהמער און אַרבייטער.

דער אַרבייטער וויל קריגען אַ העכערען לוין פאַר זיין אַרבייטס־קראַפט און זוכט זיך אויס בעסערע אונטערנעהמער. די אונטערנעהמער ווידער סטאַרען זיך צו באַקומען וואָס מעהר אַרבייטס־קראַפט פאַר די קלענסטע שכירות.

מיט איין וואָרט, וואוהין מיר זאָלען זיך ניט ווענדען, וועלען מיר זעהן, דאָס אויב דער מענש האָט די פרייע וואַהל און איז ניט באַגרעניצט מיט פאַרשיעדענע געזעצען, וועט ער אַליין שוין אויסקלייבען פאַר זיך דעם בעסטען און באַקוועמסטען וועג אין לעבען און וויבאַלד, מיינט וויטער סמיט, אַז יעדער מענש, פאָלגענדיג זיינע אייגענע פערזענליכע אינטערעסען, געפינט די בעסטע באַקוועמליכסטע מיטלען ווי צו פיהרען די מלחמה פאַר'ן לעבען -- איז שוין דאָס במילא אַ גליק פאַר'ן גאַנצען כלל. אונז קימערט ניט, אויב דער מענש האַנדלענדיג מיט אַ קלאָרען חשבון, איז טאַקי אין אמת'ן אויסען די טובה פון כלל, דער רעזולטאַט איז אָבער, אַז דורך דעם, וואָס דער מענש סטאַרעט זיך צו באַפריעדיגען זיינע אייגענע באַדערפעניישען מיט דער קלענסטער מאָס אַרבייט, פיהרט ער איין נייע מאַשינען, נייע אינסטרומענטען, זוכט אויס נייע מערק, וואו אָפּצוזעצען זיינע סחורות א. אַ. וו. די איבריגע אונטערנעהמער און סוחרים, אויב נור זיי ווילען ניט פאַלען אַלס אַ קרבן פון קאָנקורענץ, זיינען געצוואונגען דאָס נאָכצוטון און במילא קומט אויס, אַז דער גאַנצער כלל און במילא אויך דער פּרט, די געזעלשאַפט מיט אַלע אינדיווידואומען, ווערט בעסער אָפּ אינ'ם קאַמף מיט דער נאַטור.

„די פרייע קאָנקורענץ — זאָגט סמיט — רעגולירט די באַציהונגען צווישען מענשען און דער געזעלשאַפט אַ סך בעסער ווי דער געזעץ־געבער.“

אַלס אַ ביישפּיעל ברענגט אַדאַם סמיט די צוטיילונג פון דער אַרבייט.

אַלעמען איז באַוואוסט זאָגט סמיט, אַז די צוטיילונג פון דער אַרבייט איז איינע פון די גרעסטע גליקען פאַר דער געזעלשאַפט. דורך דער אַרבייט־צוטיילונג שאַפט די געזעלשאַפט אַ סך מעהר סחורות, ווי פריהער. דיזעלבע מאָס אַרבייט איז איצט אַ סך מעהר פּראָדוקטיוו, ברענגט מעהר איין. און אָט די אַרבייטס־צוטיילונג איז פאָרגעקומען ניט דורך דעם, וואָס די רעגיערונג האָט זיך אַריינגעמישט, נאָר ווייל יעטווידער אונטערנעהמער איז נור אויסען געווען זיך אַליין, ער האָט געוואָלט נור זיך פאַרזאָרגען. אַז דער פאַבריקאַנט פיהרט איין אַ נייע מאַשין האָט ער ניט אין זינען די געזעלשאַפט, ער איז דאָ ניט אויסען די נוצען פון זיינע מיטמענשען, ער האַנדעלט דאָ עכט עגאָאיסטיש, ער מיינט נור זיינע אייגענע נוצען. אָבער ניט קוקענדיג אויף דעם אַלעם, האָט במילא אויך דערפון נוצען די גאַנצע געזעלשאַפט.

דער פרייער אויסטויש, דער מקח וממכר, איז, לויט אַדאַם סמיט, אַ וויכטיגע קראַפט וואָס באַוועגט פאָרווערטס די מענשליכע געזעלשאַפט.

„דער מענש נויטיגט זיך שטענדיג — זאָגט סמיט — אין דער הילף פון אַנדערע מענשען, אָבער אומזיסט וואָלט די אַרבייט זיינע זיין, אויב ער וואָלט זיך פאַרלאָזען בלויז אויף די גוטהערציגקייט פון צווייטען... „גיב מיר דאָס, וואָס מיר איז נויטיג, און דו וועסט באַקומען וואָס דיר פעהלט“ — אַזוי האַנדלען צווישען זיך מענשען. מיר באַקומען אַלע נויטיגע פּראָדוקטען: ברויט, פלייש, שטיוועל, קליידער אַמאָל ניט דערפאַר, ווייל דער גראָסערי מאַן, קצב, שוסטער און שניידער זיינען גוטהאַרציג, זיינען אויסען אונזער טובה, זאָנדערן דערפאַר, ווייל זיי זיינען אויסען ז י י ע ר א י י ג ע נ ע ט ו ב ה. ווען מיר באַשטעלען פאַר אונז די נויטיגע פּראָדוקטען, ווענדען מיר זיך ניט צו זייערע גוטהאַרציגקייטס־געפיהלען. מיר ווענדען זיך דאָ צו זייערע עגאָאיסטישע אייגעננוציגע געפיהלען. ווען מיר קויפען ביי זיי וואָס ס'איז, ריידען מיר ניט פון אונזער נויט, פון אונזערע באַדערפעניסען, נאָר פון זייער נוצען, און דיעזע אויסרעכענונג, דיעזע פריוואַט עגאָאיסטישע אינטערעסען זיינען די העריטער וועלכע מאַכען די אָרדנונג און שאַפען די האַרמאָניע אין דער גאַנצער געזעלשאַפט.

אַדאַם סמיט פאָדערט דעריבער פולע, אונבאַשרענקטע פרייהייט פאַר יעדען יחיד, „ווייל, זאָגט סמיט, יעדער איינציגער מענש ווייס בעסער, וואָס פאַר איהם איז גוט, ווי אַ וועלכער עס איז ניט שטאַאַטס־מאַן און געזעצגעבער.“ „יעדער שטאַאַטס־מאַן, וועלכער וואָלט זיך באַמיהט צו ווייזען פּריוואַט מענשען ו ו י און ו ו א ו זיי זאָלען פאַרשווענדען זייערע קאַפּיטאַלען, וואָלט, אויסער דעם וואָס ער וואָלט זיך באַשעפטיגט מיט אַן אוננוציגער זאַך, זיך נאָך גענומען אָהן אַ שום רעכט און מאַכט צו אַזאַ אַרבייט, וואָס וואָלט זיין אַן אונזין צו ערלויבען ניט נור איין־איינציגען מענשען נאָר אפילו אַ גאַנצען ראַטה אָדער סענאַט.“

„יעדער מענש — זאָגט אין אַן אַנדער אָרט סמיט כל זמן ער איז ניט עובר די געזעצען פון גערעכטיגקייט, ה[illegible] אונבאַדינגט דאָס רעכט צו געהן אויף דעם וועג, אויף וועלכען זיינע פערזענליכע אינטערעסען ווייזען איהם אָן.“

די רעגיערונג מוז נאָר ערפילען דריי פליכטען. ערשטענס, מוז זי באַשיצען די גאַנצע געזעלשאַפט פון יעדען געוואַלדטאַט, ווען אַ צווייטע געזעלשאַפט פאַלט אויף איהר אָן. צווייטענס, מוז די רעגיערונג באַשיצען יעדען איינציגען מיטגליעד געגען פאַרשיעדענע אונגערעכט און געוואַלד, וואָס אַנאַנדער מיטגליעד ערלויבט זיך, און דאַרף איינפיהרען אַן עהרליכען אונפּאַרטייאישען געריכט; דער דריטער חוב פון דער רעגיערונג איז איינצואָרדנען און אונטערצוהאַלטען אַזעלכע געזעלשאַפטליכע אונטערנעהמונגען און אַנשטאַלטען, וועלכע קענען ניט אויסגעהאַלטען ווערען אויפ'ן רעכענונג פון איינעם אָדער אַ סך איינצעלנע מענשען.

קיין אַנדער'ע פליכטען האָט די רעגיערונג ניט.

# די פרויען-באוועגונג אין יאהר 1918

פון דר. אסתר לוריע

די קינפטיגע געשיכטע פון דער פרויען־באוועגונג וועט אהן צווייפעל ענטהאלטען א ספּעציעלען קאפּיטעל, „דאס יאהר 1918. אין דיזען יאהר האט די פרוי דורכגעמאכט א שטילע און גרינדליכע רעוואלוציע, וועלכע באשטעהט ניט בלויז אין די עראבערונגען, וואס די פרוי האט געמאכט אויפ׳ן פּאליטישען און עקאנאמישען געביעט, נאר געהט פיעל ווייטער. אין דיזען יאהר האט זיך גרינדליך געביטען דער פּרינציפּ פון פרויען־ארבייט. ביז אהער האט מען זי ניט באטראכט אלס א זעלבסטשטענדיגע עקאנאמישע גרויס, נאר אלס א צוטשעפּעניש צום פאטער, צום ברודער, צום מאן. און אין צוזאמענהאנג מיט דיזען קוק האט די פרוי פארדיענט פיעל וועניגער פון מאן. די ווײדזשעס זיינען נאך איצט קלענער, אבער עס קומען פאר באדייטענדע ענדערונגען.

די ווײדזשעס פון ארבייטער זיינען ענג צוזאמענגעבונדען מיט זיינע באדערפעענישען. אזוי פארדיענט דער קולטורעלער אמעריקאנער ארבייטער מעהר פון דעם סלאווישען. זיינע באדערפעענישען זיינען גרעסער, ער וועט ניט געהן פאר א קליינעם פרייז. אבער אזוי ווי מען נויטיגט זיך אין איהם, מוז מען איהם געבען א העכערען פרייז. פון דיזען שטאנדפּונקט האט מען דער פרוי באצאהלט וועניגער, באטראכטענדיג זי אלס א צוטשעפּעניש צו דער פאמיליע. עס פלעגט אפט פארקומען, אז א מאנופעקטשורער פלעגט ניט אננעהמען קיין מיידלאך, וואס זיינען געצוואונגען אליין פאר זיך צו מאכען א לעבען, ווייל ער האט געוואוסט, אז זיינע ווײדזשעס וועלען ניט סטאיען אויף טרוקענע ברויט. דיזער קוק איז נאך ניט פארשוואונדען געווארען. אין לעצטען יאהר איז אבער באשאפען געווארען א גאנץ נייע באציהונג צו דער פראגע. די פרוי פארנעהמט איצט דעם מאן׳ס פּלאץ אין פיעלע אינרוסטריעלע צווייגען. איהרע ווײדזשעס זיינען אבער כמעט שטענדיג נידעריגער. זי שווייגט ניט, זי פאדערט א העכערונג. אין אמעריקא האט דער קריעגס ארבייטער ראט אלעמאל ענטשלאסען די צוויסטיגקייטען צו גונסטען פון דער פרוי. די מינימום ווײדזשעס פאר פרויען זיינען איצט אין פיעלע אמעריקאנער סטייטס 15 דאלאר א וואך. די ערקלעהרונג פון דיזער פאדערונג איז, אז פאר וועניגער קען א פרוי ניט מאכען קיין לעבען. דאס הייסט, אז זי ווערט באטראכטעט פאר א זעלבשטענדיגעם אידיווידואום. אמת, די פרוי פארדיענט נאך איצט, ווען מען נויטיגט זיך אזוי אין הענט, פיעל וועניגער פון 15 דאלאר א וואך. נאך איצט ארבייט זי פאר 7, 8 און 10 דאלאר א וואך. עס איז אבער וויכטיג, אז עס איז באשאפען געווארען א נייער פּרינציפּ, איז דא א פּרינציפּ, וועט ער מיט דער צייט פארווירקליכט ווערען. די פרוי האט דאס לעצטע יאהר געקעמפט פאר העכערע ווײדזשעס ניט נאר אין אמעריקא. אין ענגלאנד איז פארגעקומען א היסטארישער סטרייק פון פרויען קאנדוקטארס, וועלכע האבען געפאדערט גלייכע ווײדזשעס מיט׳ן מאן. דער קאמף איז זעהר א וויכטיגער. די פרוי האט ביז אהער געקעמפט פאר העכערע ווײדזשעס, דער קאמף אבער פאר גלייכע ווײדזשעס מיט׳ן מאן איז זעהר א וויכטיגער.

די פרוי האט איצט פארנומען א פיעל ברייטערעס און ווייטערעס פעלד, ווי פריהער. אין צוזאמענהאנג מיט דיזער עראבערונג האט זי פארנומען אן אנגעזעהענעם פּלאץ אין דער ארבייטער־באוועגונג. זי איז ארויסגעטראטען אין דער עפענטליכקייט אין אזעלכע פּלעצער, וואו מען האט פון איהר ביז אהער גארניט געהערט. אפילו דארט, וואו זי איז געוועזען ביז אהער טעטיג, האט זי איצט העכער אויפגעהויבען איהר קאפּ. אזוי איז די אידישע מיידעל אלעמאל געוועזען אין פארגלייך מיט אנדערע די רעוואלוציאנערקע אין דער ארבייטער־באוועגונג, זי פלעגט ניט שטעהן פון ווייטען, קיינמאל אבער איז זי ניט געוועזען אזוי צאהלרייך פארטראטען צו דער קאנווענשאן פון „אינטערנעשאנאל ליידיס גארמענט וואירקערס", ווי דאס לעצטע יאהר. צו דער קאנווענשאן זיינען געוועזען פארטראטען 32 פרויען, אן אנגעזעהענע צאהל. צו דער קאנווענשאן פון דער „אמעריקאן פעדערײשאן אוו לייבאר" זיינען די פרויען ערוועהלט געווארען אלס עקזעקוטיוו מעמבערס וואס האט פּאסירט דעם ערשטען מאל. דעם ערשטען מאל אין דער געשיכטע פון דער ארבייטער־באוועגונג אין אמעריקא האט מען דאס לעצטע יאהר דער פרוי אנפערטרויט אזא וויכטיגע און פאראנטווארטליכע ארבייט, ווי צו שיקען זיי אלס דעלעגאטען אין בריטאניען און פראנקרייך.

די טריידס אין אמעריקא זיינען געוועזען אלע מאל, אויב מען קען זיך אזוי אויסדריקען, נאציאנאליסטיש, ד. ה. אז אין געוויסע טריידס זיינען געוועזען באשעפטיגט די און יענע נאציאנען. אזוי ארבייטען ביי ליידיס ווייסטס און דרעסעס אידישע מיידלאך אין א גאנץ גרויסען פראצענט, אין די קערנערים זיינען מייסטענס באשעפטיגט סלאווישע פרויען, אין די פּרינטינג שעפּער ארבייטען אויסשליסליך אמעריקאנער מיידלאך א. א. וו. דאס לעצטע יאהר האט געבראכט אין פיעלע אמעריקאנער שטעדט א וויכטיגע נייעס. די שווארצע מיידלאך, וועלכע זיינען ביז אהער געוועזען וועניג פארטראטען אין די שעפּער, ווייל מען פלעגט זיי ניט ארייננעהמען, זיינען איצט גאנץ צאהלרייך אין פארשיעדענע צווייגען פון דער אינדוסטריע. דאס איז א וויכטיגער באווייז פון אינטערנאציאנאליסטישען כאראקטער פון דער ארבייט. די אינדוסטריע נויטיגט זיך אין הענט, זי פרעגט ניט ווער און וואס, זי נעהמט אריין אלעמען, וואס זיינען וויליג צו ארבייטען. וואס וועט זיין מיט די שווארצע פרויען נאך דער מלחמה איז א ווייטערדיגע פראגע. איצט איז וויכטיג, אז פאר דאס לעצטע יאהר איז זי געווארען א מיטגליעד פון דער גרויסער אינטערנאציאנאלער ארבייטער־פאמיליע.

די פרוי האט פארברייטערט איהר אינדוסטריעלעס פעלד. דאס איז א פאקט, מיט וועלכען מען מוז זיך רעכענען. דאס איז א פאקט, מיט וועלכען מען האט זיך דאס לעצטע יאהר גערעכענט אין די הויכע פענסטער פון אמעריקא. דער לייבאר דעפּארטמענט אין וואשינגטאן פלעגט ביז אהער באהאנדלען די פרוי ווי א שטיף־קינד. פאר איהר פלעגט מען ניט האבען גענוג געלד, די פרויען־ארבייט פלעגט מען אויפפארשען ניט ווי געהעריג; מיט דיזער פראגע האט מען זיך איבערהויפּט וועניג באשעפטיגט. גאנץ אנדערש איז די לאגע איצט. איצט געפינט זיך אין לייבאר דעפּארטמענט א ספּעציעלע אפּטיילונג פון דער פרויען־אינדוסטריע, און פרויען זיינען אויף דער שפּיץ פון דיזער אפּטיילונג. אויף וואשינגטאן האבען זיך פארקוקט אנדערע אינסטיטוציאנען און האבען אויך געגרינדעט דאס לעצטע יאהר ספּעציעלע פרויען־אפּטיילונגען. אזוי האט די אינדוסטריעלע קאמיסיע פון ניו יארק סטייט געגרינדעט א נייע ביורא פון פרויען־אינדוסטריע, עהנליכע ביוראס האט מען אויך געגרינדעט אין אנדערע סטייטס.

---

אין 1918טען יאהר האט מען גענומען צו אפּשטימונג די פראגע וועגען אמענדמענט צו דער פעדעראלער קאנסטיטוציע דאס שטימרעכט פון דער פרוי. דאס אוועקשטעלען פון דיזער פראגע איז א גרויסער זיעג. גאנצע 70 יאהר האבען די אמעריקאנער פרויען געקעמפט פאר שטימרעכט. דער קאמף איז געוועזען א שווערער און א ביטערער, און ענדליך האט זיך איינגעגעבען די פראגע נעהנטען צו אפּשטימונג. דיזען זיעג דארף

די פרוי פירדאנקען די עראָבערונגען, וואָס זי האָט געמאַכט אויפ'ן פאָליטישען געביעט. די פרוי איז געוואָרען א וויכטיגער מיטגליעד אין אינדוסטריעלען לעבען, איהר שטימע איז דערפאַר וויכטיג און נויטיג. די פראַגע איז אין סענאַט דורכגעפאַלען. פאַר איהר האָבען געשטימט 54, געגען 30. 2 שטימען האָבען געפעהלט צו די נויטיגע צוויי־דריטעל. די פראַגע איז דורכגעפאַלען צוליעב איינינגע אורזאַכען. געגען אַמענדמענט האָבען געשטימט די רעפּובליקאַנער, וועלכע האָבען ניט געוואָלט, אַז אַ פראַגע, וועלכע איז רעקמענדירט געוואָרען פון די דעמאָקראַטען, זאָל דורכגעהן. געגען דעם זיינען געווען די סענאַטאָרען פון סאוטה. אין דער סאוטה האָבען זיי מורא פאַר די פאָליטישע רעכטע פון דער פרוי, ווייל דיעזע רעכטע זיינען פאַרבונדען מיט די רעכטע פון די ניגערס, וועלכע זיינען דאָרט נאָך גענוג פאַרשקלאַפט. ווי ס'זאָל ניט זיין, די מפּלה קען מען אַבסאָלוט ניט באַטראַכטען פאַר אַ דורכפאַל, ווען מען זאָל נעהמען אין אנבאַטראַכט דעם פאַקט, אַז די אַגיטאַציע פאַר'ן אַמענדמענט איז ניט פאַרלאָרען, אַז דער דורכפאַל האָט פאַסירט אין גאַנצען צוליעב איינינגע שטימען, אַז די אַוועקשטעלונג פון דער פראַגע איז שוין אַ זיעג. און דער זיעג איז ווירקליך נאָהענט. ער איז נאָהענט צוליעב דער באַוועגונג פאַר פרויען־רעכטע, וואָס עקזיסטירט אין אַנדערע לענדער.

די סאָפרעדזשיסט פאַרטיי אין אַמעריקא האָט זיך געגרינדעט אין סענאַקא פאָללס, ניו יאָרק סטייט, אין 1848טען יאָהר, ד. ה. מיט 70 יאָהר צוריק. אָ צייט האָבען אין אַמעריקא עקזיסטירט צוויי סאָפרעדזש פאַרטייען. איינע האָט געפאָדערט דאָס שטימרעכט פאַר אַלע סטייטס מיט אַמאָל, די אַנדערע אָבער האָט אָנגעהויבען צו קעמפען אין יעדען סטייט באַזונדער. מיט דער צייט האָבען זיך ביידע פאַרטייען פאַראייניגט. דאָס לעבען האָט באַוויזען וועלכע פאַרטיי ס'האָט רעכט. די סאָפרעדזש פאַרטיי געהט אָן לאַנגזאַם און סיסטעמאַטיש מיט איהר קאַמף. די צאָהל סטייטס, וואו פרויען שטימען, ווערט אַלץ גרעסער און גרעסער. דאָס יאָהר 1918 האָט אויך געבראַכט זיעגע אין צוויי סטייטס, אין מישיגאַן און סאָוטה דאַקאָטא. דאָס איז ,זעלבסטפאַרשטענדליך, אַ וויכטיגער זיעג.

אונז אינטערעסירט נאָך די פראַגע, ווי די פרויען נוצען אויס זייער רעכט צו שטימען. זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז מיר אינטערעסירען זיך מיט די סאָציאַליסטישע שטימען. אין דיעזען זין זיינען די אַרבייטער־פרויען אָפּגעשטאַנען. זיי זיינען אייגענטליך ניט שולדיג. די אַמעריקאַנער פרויען זיינען מעהר געוואוינט צום געזעלשאַפטליכען לעבען. זיי זיינען מעמבערס פון דער סאָפרעדזש פאַרטיי, פון די צאָהלרייכע קלאָבס, וואָס עקזיסטירען אין לאַנד. אינטערעסירענדיג זיך מיט'ן געזעלשאַפטליכען לעבען בכלל, אינטערעסירען זיי זיך אויך מיט פּאָליטיק. זיי האָבען געטאָן זייער פליכט שטימענדיג. די אידישע אַרבייטער־פרוי איז ביז אַהער געווען ווייט פון געזעלשאַפטליכען לעבען, זי איז דערפאַר ווייט פון פּאָליטיק. זי קען אויך שטימען אין אַ קליינער צאָהל, ווייל דער אידישער אַרבייטער ווערט אַזוי לאַנגזאַם אַ בירגער. איצט קומען גוטע אויסזיכטען. די פרוי וועט זיך מעהר פאַראינטערעסירען, דער מאַן וועט ניט מורא האָבען צו ווערען אַ בירגער צוליעב דער מלחמה, די אידישע אַרבייטערין וועט קענען שטימען. ביז אַהער איז זי ניט געווען קיין בירגערין. איצט אָבער זעהט זי צו ווערען אַן אַמעריקאַנערין און איהר שטימע וועט, זעלבסטפאַרשטענדליך, שפּיעלען אַ ראָלע. די פרוי האָט מיט איהרע שטימען דעם יאָהר ווענינג געהאָלפען דער סאָציאַליסטישער פאַרטיי. עס פעהלען אָבער ניט די האָפנונגען, אַז איהר פליכט וועט זי טאָן אין דער נאָהענטסטער צוקונפט.

די פרוי אין ענגלאַנד פיהרט שוין אָן צעהנדליגע יאָהרען אַ ביטערען קאַמף פאַר איהרע רעכטע. דער ענגלישער פאַרלאַמענט פלעגט דער פרוי אַלע מאָל אָפּזאָגען. אין 1918טען יאָהר איז די פראַגע ניט איין מאָל דיסקוטירט געוואָרען, און עס האָבען זיך געפונען אנהענגער פון פרויען־רעכטע. דעם 23טען אָקטאָבער האָט דאָס אונטערהויז אָנגענומען אַ פאָרשלאַג, אַז די פרוי זאָל קענען זיין פאַרטרעטען אין פאַרלאַמענט. פאַר'ן פאָרשלאַג האָבען געשטימט 274, געגען—אין גאַנצען 25.

די דענישע פרוי האָט דעם יאָהר געהאַט אַ זיעג. לויט דער דענישער קאָנסטיטוציע האָט די פרוי ניט דאָס רעכט צו שטימען, זי האָט אָבער דאָס רעכט צו ווערען נאָמינירט און ערוועהלט. דאָס יאָהר האָבען זיך 9 פאַרטייען פאַראייניגט און האָבען נאָמינירט 23 פרויען. די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פאַרטיי האָט געהאַט אַ זיעג בכלל. זי האָט אויך דורכגעפיהרט איהר פרויען־קאַנדידאַט, מיס גרויענוועג, אַ לעהרערין.

אין אויגוסט, ד. ה. מיט דריי מאָנאַטען צוריק, איז אין פאַריז פאָרגעקומען אַ וויכטיגע פרויען קאָנווענשאָן. אויף איהר זיינען געווען פאַרטרעטען פרויען פון אַלע נאַציאָנען — ענגלאַנד, פראַנקרייך, אַמעריקא, האָלאַנד, סערביען, רוסלאַנד, א. אז. וו. די פראַנצויזישע רעגיערונג האָט געשיקט אָן אָפיציעלען פאַרטרעטער צו באַגריסען די קאָנווענשאָן. דער ציעל פון דער קאָנווענשאָן איז געווען צו באַשפּרעכען די ראָלע פון דער פרוי אין דער מלחמה — אין אינדוסטריע, רויטען קרייץ און אז. וו. עס איז אויך באַשפּראָכען געוואָרען די ראָלע פון דער פרוי נאָך דער מלחמה, און עס איז באַשלאָסען געוואָרען צו אָרגאַניזירען זיך. די פראַנצויזישע פרוי, וועלכע איז אָרגאַניזירט שוואַכער איידער די פרויען פון אַנדערע לענדער, איז דעם מאָל געווען שטאַרק פאַרטראָטען, און האָט גענומען אַ טיכטיגען אנטייל אין דער אַרבייט.

די רעוואָלוציאָנען אָבער, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין צענטראַל אייראָפּא און די נייע רעפּובליקען פון דייטשלאַנד, אונגאַרן, עסטרייך, בעהמען, פּוילען א. אז. וו., האָבען מיט אַמאָל באַפרייט אַרום 70 מיליאָן פרויען און אַרום 15 מיליאָן פון זיי וועלען זיך גאָר אין גיכען קענען אויסדריקען אַלס פולבארעכטיגטע בירגערינס ביי דעם שטים־קאַסטען.

---

מ'זאָגט, אַז דער מות באַשטעהט פון אַרום צוויי מיליאַרד צעלען. איז דען אַ וואונדער, וואָס אין אַזאַ לאַבירינט קענען זיך פּיעלע נישט עפינען?

* * *

פון וויינען ווערט לייכטער אויפ'ן האַרץ. פון לאַכען ווערט שווערער אין קאָפּ.

* * *

מיר האָבען יעצט אַ געלעגענהייט צו איבערצייגען זיך מעהר ווי אַלע מאָל, אַז איינע פון אונזערע הויפּט־אַרבייטען דאַרף זיין צו פאַרשפּרייטען אונזער פּראָלעטאַרישע פּרעסע. אונזער גלייכגילטיגקייט אין דעם געביעט גרעניצט זיך איינפאַך מיט קאַסען זעלבסטמאָרד.

* * *

יעצט, אַז מיר זיינען שוין אויך לעגאַליזירט אין מישיגאַן, וועט אונזער דעטראָיטער קאָנווענשאָן ערשט זיין אַ פאָלקאָמענע דעמאָנסטראַציאָן. פאַר וואָס טאַקע נישט העלפען אונז צו קומען אַהין מיט זיבעציג טויזענד שטאַרק?

„מלחמה צו די פּאַלאַצען,—פריעדען צו די אָרעמע שטיבלאַך!"— האָט בעבעל אויסגעשריען אין דייטשען רייכסטאַג אין דער צייט פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן. עס האָט זיך געדוכט, אַז דער געשריי איז אין ערגעץ אין מדבריות פאַרהילכט געוואָרען. אָבער ניין: יעצט, אין 47 יאָהר שפּעטער, כאַפּט עס אויף דער גאַנצער דייטשען אַרבייטער־קלאַס און מיט איהם אויך דער פּראָלעטאַריאַט פון דער גאַנצער ציוויליזירטער ערד.

* * *

ווען פריעדען און פרייהייט שליסען אַ שדוך רייסט פּלוטאָקראַטיע קריעה.

* * *

סאָציאַליזם וועט נישט קומען — סאָציאַליזם קומט.

* * *

טאָלעראַנץ איז מעהר ווי טאַקט. אין דער צייט ווען דאָס צווייטע איז נאָר אַן אויסערליכער אויסדרוק, איז אָבער דאָס ערשטע אויך אַן אינערליכער געפיהל.

י. ב. ביילין:

# אַ „טיפּ“...

(סקיצע)

אַדאָלף נאַדעל איז נישט געבוירען געוואָרען ערשט יעצט. אויפ'ן שטערען בײַ איהם זיינען שוין איינגעשניטען אַ היבשע ביסעל קנייטשען און אויפ'ן קאָפּ פאַרשווינדען שוין די לעצטע עטליכע האָר, וואָס האָבען זיך נאָך ווי עס איז געהאַלטען נעבען די אויערען. ער איז שוין אַ „ווייטער“ אַרום דרייסיג יאָהר און קען שוין זיין פּראָפעסיאָן אויסגעצייכענט.

גאָר אַמאָל, ווען ער איז נאָך יונג געוועז, נאָך זייענדיג אין דער אַלטער היים, אין לעמבערג, איז ער גאָר געוועז אַ מאַדים: נאַדעל פלעגט באַווייזען צו טראָגען אין די היימישע ביער־האַללען זעכציג קופעל ביער מיט איין גאַנג. ער האָט זיך עפּעס ווי געשפּיעלט מיט די גרויסע טאַצען, אָנגעשטעלט מיט קופעלס ביער, ווי זיי וואָלטען געוועז גומי־באָלס. אפילו יעצט איז נאָך נאַדעל אויך נישט אויסגעשפּיעלט: ער קען נאָך יעצט אויך „אויסשאָקלען פון אַרבעל“ די יונגע „ווייטערס“ מיט די שטייף־פאַרדרעהטע וואָנצען און די פולע געלאָקטע קעפּ האָר — אָ, ווי ער האַסט דאָס זיי אַלעמען!

— ווי זיי ריהרען זיך עפּעס, די בלייענע פויגלען! — פלעגט עס מיט שפּאָט נאָכקוקען די נייע „ווייטערס“, וואָס האָבען זיך גאַנץ אָפּט געביטען. יעדעס מאָל, ווען אַזאַ „פריץ“ האָט זיך מיט אַ הייסע טעלער זופּ אָפּגעבריהט, אָדער אַ פּאָר כלים צובראָכען, איז איהם ממש אַ שטיק געזונד צוגעקומען. ער האָט דאַן ליעב געהאַט צו קוקען דעם יונגען „פריץ“ גלייך אין די אויגען אַריין און זעהען, ווי בײַ יענעם מישען זיך די שוואַרצלאַך מיט ווייסלאַך פאַר שרעק. ווער רעדט נאָך, ווען עס פלעגט זיך אַמאָל טרעפען, אַז אַ יונגער „ווייטער“ האָט אָנגעמאַכט אַ מישעניניע מיט די אָרדערס: וועמען ער האָט געדאַרפט געבען פיש האָט ער גאָר געגעבען קעז־קוכען און וועמען ער האָט געדאַרפט געבען קעז־קוכען האָט ער געגעבען פיש — דאַן האָט אונזער אַלטער נאַדעל הנאה געהאַט צו קוקען זיך נעהענטער צו דער סצענע און אָנלאָבען זיך מיט יענעמ'ס פאַרווירונג און שאַנדע.

אין אַלגעמיין איז נאַדעל נישט געוועזען קיין ענגהערציגער שלעכטער מענש. ווי ווייניג ער האָט נישט לעצטענס פאַרדיענט, איז ער דאָך פריי געוועזען מיט זיינע פּאָר דאָלאַר און ער האָט טאַקע געקענט אַמאָל אַ גוטען ברודער אַ גרויסע טובה טון אויך. ער האָט אָבער פיינט געהאַט בתכלית שנאה זיינע קאָלעגען, די יונגע שנעקעס. ערשטענס האָבען איהם יענע געדרעהט שטענדיג אַ קאָפּ מיט אַ יוניאָן. ער, נאַדעל, איז שוין אויסגעוועזען אין גאַנץ גאַליציע, אין פאַרשיעדענע שטעדט אין דייטשלאַנד און אין די קורערטער פון דער שווייץ און קיינער האָט איהם דאָרטען מיט כח נישט געוואַגט אַריינגעמען אין פאַראיין און דאָ האַלטען זיי איהם אין איין וואָרענען, אַז ער זאָל בעסער אַריינגעהן אין דער יוניאָן.

„ווייל זיי לאַכען אַזוי פיעל אָפּ פון מיר וויל איך דוקא נישט אַריין צו זיי אין זייער יוניאָן!“ — האָט נאַדעל בײַ זיך פעסט באַשלאָסען. הויפּטזעכליך איז ער אָבער אויף זיי אין כעס געוועזען, וואָס זיי, מעהרסטענטיילס נישט קענענדיג נאָך אפילו די „ווייטערס“ עטיקעטע, ווי אַ נויג צו טון זיך און ווי אַ פריינדליכען שמייכעל צו טון, האָבען אימער גרעסערע „טיפּס“ געקראָגען פאַר איהם, דעם געניטען, געשולטען און עכטען „ווייטער“. יעדענפאַלס האָט זיך איהם עס אַזוי געדאַכט.

איבערהויפּט האָט ער זיך געהאַלטען פאַר אַ פּסיכאָלאָג און האָט שוין געקענט זאָגען, גלייך ווי דער גאַסט האָט זיך נור אַוועקגעזעצט נעבען איינעם פון זיינע טישלאַך, צי ער וועט פון איהם קריגען אַ „טיפּ“ און אפילו ווי גרויס דער „טיפּ“ וועט זיין. ער האָט אויף אַזאַ אופן דעם גוטען גאַסט שוין פיעל אויפמערקזאַמקייט געשענקט. אָפּטמאָל, ווען דער גאַסט האָט עפּעס געאָרדערט, האָט זיך נאַדעל צו איהם פאַרזיכטיג צוגעבויגען און פאַרטרויאונגסוואָרט צוגעפליסטערט: „איך וואָלט עס אייך נישט געראַטען צו אָרדערען — עס איז נעכטיגע.“ דער גאַסט האָט איהם געוועהנליך דערפאַר געדאַנקט און האָט איהם שוין געגעבען אַ גרעסערען טיפּ. אין דער אמת'ן האָט גאָר דער געריכט גראַדע נישט געדאַרפט זיין קיין „נעכטיגעס“. דאָס איז געוועזען איינע פון די רעליקאַטע באַהאַנדלונגען, וואָס נאָר די עלטערע „ווייטערס“ האָבען פּראַקטיצירט איבער זייערע געסט, כדי צו געווינען זייער צוטרויען.

נאַדעל פלעגט אויך אָפּטמאָל געבען צוריקגעהאַלטענע עצות, האַלבע אָנצוהערענישען וועגען דעם, וואָס די הוט וועט זיך אויף דעם אָרט הענגענדיג איינקנייטשען. אָבער מיט די אַלע קונצען האָט ער דאָך קוים געקענט מאַכען אַ לעבען. אמת, ער האָט קיין גרויסע פאַמיליע נישט געהאַט, סך־הכל איין־איינציגע טאָכטער — איז זי שוין אויך געוועזען עטליכע יאָהר אויסגעגעבען. אָבער דאָך, זייענדיג אַן אַלמן (זיין פרוי איז נאָך געשטאָרבען מיט צוואַנציג יאָהר צוריק און האָט איהם איבערגעלאָזט מיט צוויי פּיצלאַך קינדער, פון וועלכע איינע האָט זיך אַוועקגערוקט), נישט האָבענדיג קיין אייגענע הויז און נישט וועלענדיג זיין בײַ די טאָכטער, הויפּטזעכליך, ווייל זיין איידים איז געוועזען אַ דרוקער און אַ געפערליכער יוניאָן־מאַן, איז איהם אויסגעקומען צו קוואַרטירען אין לאַדזשינג־הייזער. דאָרטען האָט ער זיך אויסגעצאָהלט. דערצו נאָך האָט ער צו אָפּט אין קאָרטען געשפּיעלט, קיין גרויס גליק אין זיי נישט געהאַט און די צוואַנציג, פינף און צוואַנציג דאָלאַר אַ וואָך זיינען זיך בײַ איהם צוקראָכען, אַז עס איז זעלטען עפּעס איבערגעבליבען.

אָפּט פלעגט ער קומען אין קאַפּע פאַרשלאָפען און אויפגערייצט און טראָץ דעם, וואָס ער האָט זיך אָנגעשטרענגט מיט אַלע כחות צו זיין וואַך און ליעבליך, איז עס אָבער נור געוועזען צו די געסט, וואָס האָבען תמיד עפּעס אויפ'ן טיש איהם איבערגעלאָזט, און אויך פיעלע פון זיי האָבען באַמערקט, אַז זיין געקראָכמאַלטע האַלטונג איז אַ קינסטליכע. יענע „פּייקערס“ אָבער, וואָס האָבען איהם נישט „געטיפּט“, פלעגט ער אָנטון געברענטע צרות, לאָזענדיג זיי וואַרטען אַ לאַנגע צייט אויף זייער אָרדער, דאָ פאַרגעסענדיג זיך צו געבען זיי פּוטער, דאָ אַ גאָפּעל אָדער אַ מעסער. אין אַזאַ טאָג, ווען ער איז נישט געוועזען גוט אויפגעלעגט און פאַרשלאָפען, האָט ער אפילו געקענט רעדען צו די אונגעווינשטע געסט גראָב און האַרט, אַזוי אַז יענער האָט געפיהלט, אַז ער איז נישט קיין געווינשטער אורח.

ווי עס פלעגט אַריינקומען עפּעס אַ נייער גאַסט האָט ער איהם שוין אַרומגעשמעקט און געקענט מיט זיכערהייט זאָגען צי דאָס איז אַן „אָרעמער סאָקער“, אָדער טאַקע עפּעס רעכטס, פאַר וועמען עס לוינט זיך צו בויגען און אָנציהען אַ פריינדליכע מינע אויפ'ן פּנים.

איינמאָל איז אַריינגעקומען אַ גאַנץ אָרים געקליידעטער מיטעל־יעהריגער מענש און זיך געזעצט נעבען איינעם פון זיינע טישלאַך. ער האָט נישט געדאַרפט פיהלען מיט זיין געניטער נאָז, אַז דאָ וועט ער גאָרנישט קריגען. נו, האָט ער איהם געלאָזען זיצען און דערווייל געשענקט מעהר אויפמערקזאַמקייט צו זיינע גוטע געסט. דער מאַן האָט זיך אַרומגעדרעהט אין אַלע זייטען, עטליכע מאָל אַדורכגעשטודירט דעם „מעניו“ און האָט שוין אָנגעהויבען אַרויסצוצייגען סימנים פון אונגעדולד און אונצופריעדענהייט. דער אייגענטימער פון

דער קאַפּע האָט עס כאַמערקט און שטיל נאַרלע'ן פאָרגעוואָרפען: „אַדאָלף, וואָס איז עס מיט דיר געוואָרען, דו ביזט בלינד געוואָרען? זעהסט נישט ווי דער גאַסט דאָ וואַרט שוין אַרום פופצעהן מינוטען און דו ביזט נאָך אפילו נישט צו איהם צוגעגאַנגען!"

נאַדעל איז דויט געוואָרען. קיינמאָל האָט איהם נאָך דער באָס נישט געכאַפּט אַזוי ביי דער האַנד, ווי דעם יעצטיגען מאָל. ער האָט עפּעס צוגעמורמעלט אַ פאַרענטפערונג און גענומען זיך באַדיענען דעם האַלב כרוגז'ן גאַסט.

ער האָט איהם דערלאַנגט אַ גלאָז וואַסער, לעפעל־גאָפּעל־און מעסער און געפּרובט איך פרעגען איהם מיט אַן אַנגענעהמער שטימע וואָס ער וויל. אין האַרצען אָבער האָט ער איהם געוואונשען ער זאָל זיך ווערגען מיט'ן עסען. עפּעס האָט ער גענומען צו איהם פיהלען אַן אמת'ע שנאה, מעגליך דערפאַר וואָס דער באָס האָט איהם געמאַכט אַ פּאָרוואורף צוליעב איהם, אַ זאַך, וואָס פלעגט זיך זעהר זעלטען טרעפען. נאַדעל איז געווען אין דער קאַפּע דער עלטסטער „ווייטער" און אָהן שום ספק אויך דער געניטסטער, וועמען מ'האָט געקענט אפילו אוועקשטעלען צו באַדיענען אַ מאַגנאַט אַליין...

עס האָט אָבער אויסגעזעהן, אַז דער אומשולדיגער גאַסט פאַרדעכטיגט גאָרנישט וואָס עס קומט פאָר אין האַרצען ביי דעם, וואָס דערלאַנגט איהם די הייסע און שטאַרק־געווירצטע זופּ, דערנאָך די געבראָטענע פלייש און שפּעטער די קאָמפּאָט.

ער האָט זיך געמיטליך אָפּגעגעסען, און ווען נאַדעל האָט איהם זיין טיקעט אויסגעקלאַפּט, האָט ער די האַנד אין זיין קעשענע אַריינגעשטעקט.

נאַדעל איז אַן איבערראַשטער געוואָרען: הייסט עס, אַז ער גערט איהם געבען אַ „טיפּ". זאָל ער האָבען דעם מאָל גראַדע געמאַכט אַ טעות, דאָס טרעפט איהם, דוכט זיך, צום ערשטען מאָל! אָ, ווי גראָב ער האָט עס איהם פריהער באַהאַנדעלט!

באַלד אָבער איז נאַדעל, ווי אַ געפּלעפּטער, שטעהן געבליבען: ער האָט זיך זיינע אויגען נישט געגלויבט — דער אָרעם געקליידעטער מאַן האָט אַ האַלבען דאָלאַר אַוועקגעלעגט און מיט אַ האַלב גוטמוטיגער מינע איהם אָנגעוויזען, אַז דאָס איז פאַר איהם, פאַר נאַרעל'ען.

ער איז גלייך אַרויסגעגאַנגען, אָפּצאָהלענדיג ביי דער קאַסע, אָבער נאַדעל איז ווי אַ סלופּ געבליבען שטעהן. עס האָט זיך איהם געדוכט, אַז דאָס האַרץ, וואָס האָט פריהער מיט אַ ווייַלע צוריק אַזוי געהאַמערט, האָט זיך אינגאַנצען אָפּגעשטעלט...

אַלע געסט אין קאַפּע האָבען זיך אויף איהם אומגעקוקט, ווי ער שטעהט מיט אויסגעגלאָצטע אויגען און האַלב אויפגעמאַכטען מויל. זיי האָט זיך אויסגעדוכט, אַז אפילו זיין געקאַהלטער קאָפּ איז בלאַסער געוואָרען און די עטליכע האָר אויף דער פּאַטילניצע האָבען זיך ווי נעגעל אויפגעשטעלט.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — —

אויף מאָרגען האָט זיך נאַדעל דערוואוסט, אַז דאָס האָבען איהם גאָר עטליכע יוניאָן ווייטערס אָפּגעטון אַ שפּיצעל. זיי האָבען עס בכיון אַריינגעשיקט אַ כלומר'שטען קבצן, וואָס זאָל אַריינפיהרען איהם אין אַזאַ שלעכטער לאַגע, און יענער האָט זיין ראָלע אויסגעצייכענט געשפּיעלט.

אין עטליכע טעג אַרום איז אַדאָלף נאַדעל, דער אַלטער געניטער גאַליציאַנער „ווייטער" אַריינגעטראָטען מיט פּאָמפּ אין דער יוניאָן. דער „טיפּ" האָט געהאָלפען.

# דער פּראָגרעס פון וויסענשאַפט און טעכניק

## וואָס איז ערריכט געוואָרען אין יאָהר 1918

פון לאַזאַר סאַמאָילאָוו

דאָס יאָהר 1918 איז געווען איינער פון יענע גרופּען פון פיער יאָהרען, ווען פאַרשיערענע צווייגען פון וויסענשאַפט און טעכניק האָבען געמאַכט אַ זעלטענעס און מערקווירדיגען פּראָגרעס.

מען קען, נאַטירליך, אין אַ קורצען אַרטיקעל ניט באַשרייבען אַלעס, וואָס עס איז פאַר דער דאָזיגער צייט אויפגעטאָן געוואָרען, בפרט נאָך וואָס פיעלעס ווערט נאָך געהאַלטען אין געהיים צוליעב פאַרשטענדליכע אורזאַכען. דעריבער ווילען מיר דאָ געבען נאָר אַן אַלגעמיינעם און קורצען איבערבליק.

מיט אַ מאָנאַטען צוויי צוריק איז אין ניו יאָרק געווען אַ כעמישע אויסשטעלונג, און עטליכע טויזענד ביישפּיעלע, וואָס זיינען דאָרטען געווען אויסגעשטעלט, האָבען געצייגט, אַז אַמעריקאַ האָט געמאַכט אַ ריעזיגען פּראָגרעס אויף דעם געביעט פון כעמיע פאַר דער צייט פון לעצטען יאָהר. מען האָט ערפונדען אַ מיטעל צו שמעלצען אַזאַ אייזען, וואָס זאָל ניט אויסגעגעסען ווערען פון ראָסט, אָדער זשאַווער, אַזוי גיך, ווי די פריהערדיגע אייזענס. מען האָט ערפונדען אַ מעטאַל, וואָס זאָל פאַרנעמען אין פיעלע פעלע דעם פּלאַץ פון דעם זעהר וויכטיגען און זעהר זעלטענעם מעטאַל פּלאַטינום. מען האָט ערפונדען אַ מיטעל צו מאַכען שטריק, פּאָדים און וואַארע פאַר פּראָסטערע קליידער פון אַלטע פּאַפּיער. מען האָט ערפונדען אַ מיטעל אויסצונוצען דעם שטויב און דינעם אָפּפאַל פון קויהלען, און דאָס מיינט אַז מין דער זע בער כאָט קויהלען, וואָס ווערט אויסגעוואָרפען, זאָל מען קענען באַנוצען אַ סך מעהר היינט, דורכ[illegible] אין ארבייט. מען האָט דאָ אויך אויסגעפונען מיטלען צו פּראָדוצירען אייגענע מאַרב פאַר קליידער און אַנדערע כעמישע שטאָפען, און דאָס מיינט, אַז אַמעריקאַ וועט שוין ניט דאַרפען זיין מעהר אָפּהענגיג מיט אַזעלכע שטאָפען פון איינינגע אייראָפּעאישע לענדער; דאָס מיינט, אַז אַמעריקאַ וועט שוין קענען פאַבריצירען אַזעלכע פּראָדוקטען פאַר אַנדערע זיד־אַמעריקאַנער רעפּובליקען, וועמעס אינדוסטריען זיינען נאָך ניט גוט גענוג ענטוויקעלט, און דאָס מיינט מעהר אַרבייט פאַר די אַרבייטער פון די פאַראייניגטע שטאַאַטען.

דער לעצטער פּונקט איז ניט אינגאַנצען קיין נייעס, ווייל פאַרבען פאַר קליידער און די אַנדערע כעמישע שטאָפען האָט מען דאָך פריהער אויך פאַבריצירט אין אייראָפּאַ. אָבער אַזוי ווי די זעלבע זאַכען האָט מען דאָ אָנגעפאַנגען פּראָדוצירען אויף אַ זעלבסטשטענדיגען וועג, דעריבער איז עס אַליין און פאַר זיך אַ שטיק פּראָגרעס. או אַ חוץ דעם קען זיין, אַז שפּעטער, ווען די סכסוכים פון דער וועלט וועלען זיך אויסגלייכען, זאָל מען קענען פאַראייניגען די ערפאַהרונגען, וואָס זיינען ערזייכט געוואָרען דאָ, אין אַמעריקאַ, מיט די ערפאַהרונגען פון יענער זייט ים, און דאַן זאָל מען באַקומען אַ סך בעסערע און גרעסערע רעזולטאַטען, ווי מיר האָבען פריהער געהאַט.

די מעדיצין האָט אויך ניט געשלאָפען. די שלאַכטפעלדער פון אייראָפּאַ האָבען צוגעשטעלט דער מעדיצין זעהר אַ ברייטע פּראַקטיקע, סאַי פון אנשטעקענדע קראַנקהייטען און סאַי פון פאַרשיעדענע פאָרמען פון וואונדען. און אָט די פּראַקטיקע האָט די מעדיצין אויסגענוצט אין אַ זעהר ברייטער מאָס. עס איז פיעל מאָל אָנגעוויזען געוואָרען, אַז די צאָהל קראַנקע, וואָס זיינען אויסגעקורירט געוואָרען פון פאַרשיעדענע געפעהרליכע וואונדען, איז אַ סך גרעסער, ווי מען האָט פריהער ערוואַרטעט. פריהער אָדער שפּעטער וועט די מלחמה פאַריבער, אָבער די ערפאַהרונגען, וואָס די מעדיצין האָט באַקומען, וועט בלייבען

אלס א שטענדיגע געווינס פאר דער מענשהייט. מענשען ווערען פארוואונדעט ניט נאר אין דער מלחמה אליין.

מיט א פאר מאנאטען צוריק האט מען אין דער וויסענשאפטליכער און זאגאר אין דער אלגעמיינער פרעסע א סך גערעדט וועגען א מיטעל געגען קאנסאמפשאן, וואס דער פראפעסאר לא־מאנאקא פון רוים האט ערפונדען. דער מיטעל באשטעהט פון אריינצושפריצען צוקער אין א געוויסער פארמע אין די בלוטען פון קראנקען, און דאס זאל האבען א מערקווירדיגע קורירענדע ווירקונג אויף איינעם, וואס איז אנגעגריפען געווארען מיט דער דאזיגער קראנקהייט. די ערפינדונג, וואס איז געקומען פון פיעלע יאהרען פארשונגען און בעאבאכטונגען, איז ניט לאנג צוריק אויסגעפרובירט געווארען אין א סך פאלען, און האט געגעבען זעהר גוטע רעזולטאטען. מעגליך, אז ווען די געדאנקען וואלטען ניט געוועזען אזוי שטארק פארנומען מיט די שטורמישע פאסירונגען פון דער לעצטער צייט, וואלט מען זיך מעהר צוגעקוקט און מען וואלט מעהר גערעדט וועגען דער ערפינדונג פון פראפעסאר לא־מאנאקא.

מען דארף אויך ניט אוועקמאכען מיט דער האנד די ענטדעקונג פון דר. ה. קאטטאן פון טרענטאן, ניו דזשוירזי, אז פיעלע פאלען פון משוגעת קומען אלס רעזולטאט פון שלעכטע ציינער. די ענטדעקונג, וואס איז געקומען אלס רעזולטאט פון 11 יאהר פארשונגען, ווערט באטראכט אלס אן עפאכע־מאכענדע, און עס איז העכסט ווארשיינליך, אז פיעלע ליידענדע, וועלכע האבען זיך פריהער גערעכענט אלס אונקורירבאר, זאלען קענען אויסגעקורירט ווערען לייכט און אהן אנשטרענגונגען.

אין דער צייט פון דער לעצטער מגפה האט מען אויסגעפרובירט דריי באזונדערע סערומס געגען דער אינפלוענציע. די רעזולטאטען דערפון זיינען נאך ניט באקאנט; עס איז אבער מעגליך, אז איינער פון זיי זאל זיך ארויסצייגען אלס א ווירקליך ראדיקאלער מיטעל געגען אט דער קראנקהייט.

מענשען האבען שטענדיג געהאט א שטארקע אמביציע צו באקעמפען די לופט, אויסצוגעפינען א מיטעל צו באוועגען זיך אין דער לופטען מיט דער זעלבער זיכערהייט און באקוועמליכקייט, ווי איבער דער ערד. די ערשטע פראבען צו פליהען אין דער לופטען זיינען געמאכט געווארען נאך מיט מעהר ווי 100 יאהר צוריק. אבער די אלע פראבען און פלענער האבען קיין ערפאלג ניט געהאט, און ניט געקענט האבען, ווייל ניט די וויסענשאפט און ניט טעכניק זיינען ניט געוועזען גענוג ענטוויקעלט. ערשט מיט א יאהר 10 צוריק האט עס אנגעפאנגען אויסזעהען, אז אט די מענשליכע אמביציע וועט ענדליך דאך ערפילט ווערען. אבער מיט א יאהר 5 צוריק האט עס ווידער אנגעפאנגען אויסזעהען, אז ווייטער ווי אמאטארישע קורצע פליהונגען אין דער לופטען וועט עס ניט געהן, און איצט פליהט מען שוין אין דער לופטען מיט א גאנץ צופריעדענשטעלענדער זיכערהייט און באקוועמליכקייט און מען מאכט שוין גאנץ ערנסטע פארבערייטונגען אריבערצופליהען דעם אקעאן. און צו זייער העכסטער שטופע האבען זיך די עראפלאנען ענטוויקעלט ערשט אין דעם איצטיגען יאהר 1918.

דער עראפלאן, אלס דער וויכטיגסטער מיטעל צו באוועגען זיך אין דער לופטען, ענטהאלט אין זיך צוויי וויכטיגסטע עלעמענטען. ערשטענס די פארמע פון זיין קערפער און די פארמע פון זיינע פליגלען (די „פליינס“), וועלכע מוזען זיין אויסגערעכענט מיט א שטרענגער מאטעמאטישער פינקטליכקייט און געבויט אויף אונענדליכע עקספערימענטען; און צווייטענס; דער מאטאר, וואס מוז איהם באוועגען אין דער לופטען. דער מאטאר איז די הארץ, די נשמה פון דעם עראפלאן, אהן וועלכען ער קען ניט עקזיסטירען און קען גאר ניט אויפטאן. אויסצורעכענען און אויסצופרובירען יעדען טייל פון עראפלאן באזונדער איז ניט געוועזען פארבונדען מיט באזונדערע שוועריגקייטען, און א גאנץ צופריעדענשטעלענדע שטופע האט ער שוין לאנג דערגרייכט. דער הויפט אפהאלט אין דער ענטוויקלונג פון דעם עראפלאן איז געוועזען דער מאטאר. עס איז נויטיג געווען אויפצובויען אזא מאטאר, וואס זאל ענטוויקלען וואס מעהר פעדרקראפט, זאל זיין גענוג לייכט, און, וויכטיגער פון אלץ, — ער האט זיך ניט געטארט אפשטעלען פון זיך אליין אויף קיין איין שטונדע. ווען א מאטאר שטעלט זיך אפ אין דער צייט, ווען דער עראפלאן איז אין דער לופטען, מיינט עס טויט צו די פאסאזשירען און פארניכטונג צו דעם עראפלאן. אזעלכע קאטאסטראפעס האבען זעהר אפט פאסירט נאך מיט עטליכע יאהר צוריק, און האבען אוועקגערויבט דעם מוט פון די לופט־פליהער.

און איצט האבען מיר עראפלאנען, מיט וועלכע מען פיהרט די פאסט פון איין שטאדט אין א צווייטער מיט דער פינקטליכקייט פון אן אייזענבאהן, נאר א סך שנעלער. מיט דעם האט מען הויפטזעכליך צו פארדאנקען די מאטארען, וואס האבען דערגרייכט זייער העכסטע שטופע פון ענטוויקלונג אין דעם לויף פון איצטיגען יאהר. איינער פון די וויכטיגסטע מאטארען איז דער „ליבערטי מאטאר“ — א ריין אמעריקאנישער פראדוקט, און וועלכער ווערט איצט פראדוצירט צו 1000 שטיק א וואך.

אז עס איז פריהלינג אויפ׳ן הארצען — מעג עס דרויסען שנייען און שטורמען. העי, ווינטער, ווייז וואס דו קענסט!

* * *

אין פריעדען ווי אין מלחמה איז א לויט לאגיק מעהר ווערטה ווי א פונט היסטעריקע.

* * *

צו לאזען זיך שטרייכען פון ארבייטער רינג איז נישט נור א ליובטזין, נאר אויך א פארברעכען געגען אייער פאמיליע.

* * *

וואס צעמענט איז צו א מויער איז איניגקייט צו אן ארגאניזאציאן. צאנקעריי איז ווי ראסט, וואס עסט אויף דעם דיקסטען אייזען.

* * *

וואויל איז צו דעם, וואס גלויבט. אין נאך וואוילער איז צו דעם, וואס קעמפט.

* * *

אויף ברענטש מיטינג ווערען די לעצטע צייטען פארהאנדעלט וויכטיגע פראגען. פארוואס זאלט איהר אין זיי נישט קיין אנטייל נעמען?

* * *

מיר קענען נישט איבערמאכען די פארגאנגענהייט, אבער די ווינקעלשטיינער פון דער צוקונפט קענען געלעגט ווערען דורך אונז, ווי מיר פארשטעהען אם בעסטען

אינטערעסירט זיך מעהר מיט אייער שוועסטער, ווי זי פארברענגט און מיט וועמען זי קומט זיך צוזאמען. דענקט איהר נישט, אז די אטמאספערע פון ארבייטער־רינג, די ערנסטע און גלייכצייטיג פריינע סביבה, וועט האבען אויף איהר אן ערציהערישע ווירקונג?

* * *

אין סאקא און בידעפארט, מעין, באלאנגען אלע אידען ביז פערציג יאהר אלט צום ארבייטער רינג.

* * *

אייער מאן האט קיינע אורזאכען נישט פארוואס איהר זאלט אויך נישט ווערען קיין מיטגליעד פון א. ר. איהר האט דאך געוויס קיין אורזאכען נישט פארוואס איהר זאלט נישט זיין גלייך מיט אייער מאן און מיר האבען צעהנדליגער אורזאכען פארוואס איהר זאלט זיין צוזאמען מיט אונז און ממילא שוין אויך א טייל פון ארגאניזירטען ארבייטער־קלאס.

* * *

וואו מיר האבען נאר א רעכט עפעס צו פאדערען, האבען מיר אויך א פליכט עפעס צו טון.

* * *

קיין נצחון קען אונז נישט פאר׳שכור׳ן און קיין מפלה קען אונז נישט ענטמוטיגען.

* * *

זאגט אפילו רעדעד: מ׳דארף האבען זעהר א ווייטע ראיה אום מ׳זאל קענען זעהען אריבער די אייגענע פאראורטיילען.

# ווי אזוי מיר דענקען

פון פיליפ קראַנץ

## אַלגעמיינע באַטראַכטונגען.

אין פאָריגען נומער זיינען מיר געבליבען ביי דער פראַגע, פון וואַנען יערער איינער וויים עס, אַז ער איז שטערבליך.

יעצט וועלען מיר איהר נעהענטער באטראַכטען פון אַ לאָגי־שען שטאַנדפונקט.

מיר אורטיילען און שליסען, אַז מיר מוזען אמאָל שטאַר־בען מיט אַזאַ שלוס, וועלכער שטיצט זיך אויף די ערפאַהרונגען פון אַלע מענשען אין אַלע צייטען אויף דעם גאַנצען ערדקוגעל, מוזען שוין אַלע מענשען מיט אַ געזונטען פאַר־שטאַנד איינשטימען. מיר ווייסען אַלע, אַז עס האָט נאָך ניט פאַסירט, דאָס אַ מענש זאָל אויסמיידען זיין סוף דורך דעם טויט. מיר זיינען דארום אַלע געצוואונגען צו דענקען אזוי און ניט אַנדעריש, צו ציהען אַזאַ שלוס און ניט קיין אַנדערען פון אַזעלכע ערפאַהרונגען.

האָבען מיר דאָך, אלזאָ, אַ געוויסען גאַנג, אַ גע־וויסען סדר פון דענקען פאַר יעדען מענש. מיט אַנדערע ווערטער הייסט עס, אַז מיר האָבען דאָ צו טאָן מיט אַ געוויסען געזעץ פון דענקען און אַז איך האָב דערמיט באַוויזען מיין באַהויפטונג, אַז אַזעלכע גע־זעצע עקזיסטירען טאַקע.

איך בין אָבער נאָך ניט פאַרטיג מיט מיין רעזאָנירונג אָדער אַרגומענטאַציאָן פאַר דיזע באהויפטונג. איך קען נאָך פרעגען: גוט, עס איז טאַקע ריכטיג, אַז אַלע מענשען זיינען שטערבליך, אָבער וואָס האָט עס צו טאָן מיט איך?

דאָ וועט איהר מיר דאָך ערווידערען מיט דער פראַגע: „וואָס הייסט, בין איך דען קיין מענש ניט?“ און איך וועל דאָ מוזען ענטפערען „יא“ שוין צוליעב דעם אַליין, ווייל איהר רעזאָנירט, ווי אַ מענש.

לאָזט מיר אָבער אייך זאָגען, אַז איך האָב אייך גע־שטעלט אַזאַ פראַגע ניט צוליעב דעם, ווייל איך האָב גאָר אָנגעפאַנגען צו צווייפלען, דאָס איהר זייט אַ מענש, נור צו־ליעב דעם, ווייל איך האָב געציעלט צו צייגען אייך, אַז אַנ־דעריש קענט איהר גאָר ניט קומען צו אייער שלוס מכח אייער שטערבליכקייט. יאַ, איהר מוזט דאָ רעזאָנירען אזוי און ניט אַנדעריש; איהר מוזט פריהער דורכמאַכען אַ געוויסען פראָצעס פון דענקען, איידער איהר ציהט אַ שלוס.

אין אונזער פאַל קען קיינער ניט קומען צום שלוס, אַז ער איז שטערבליך, אויב ער מאַכט ניט פריהער פאָלגענדע צוויי באַהויפטונגען:

אַלע מענשען זיינען שטערבליך,
איך בין אַ מענש.

עס מאַכט ניט אויס, וועלכע פון די צוויי באהויפטונגען איהר מאַכט צוערשט, די שלוס־פאָלגערונג בלייבט אַלץ די זעלבע, נעמליך: אַז איהר זייט אויך שטערבליך. צו קיין אַנדער שלוס קענט איהר שוין דאָ ניט קומען. דאָס איז אַ לאָגישע שלוס־פאָלגערונג. מיד האָבען אַלזאָ אַ געזעץ פון דענקען, וואָס איז, זאָ צו זאָגען, איינגעשלאָסען אין אַ סילאַגיזם, ווי דער פאָלגענדער, וועלכער ווערט געוועהנליך אויסגעשטעלט אין לעהרביכער איבער לאָגיק אזוי:

אַלע מענשען זיינען שטערבליך,
איך בין אַ מענש,
פאָלגליך בין איך אויך שטערבליך.

אָדער אין אַן אַנדער סילאָגיזם, ווי למשל:

אַלע פלאַנעטען דרעהען זיך אַרום דער זון,
די ערד איז אַ פלאַנעט,
פאָלגליך דרעהט זיך די ערד אַרום דער זון.

דיזע שלוספאָלגערונגען זיינען דאָך נויטווענדיגע. זיי ציהען זיך פון כלל צום פרט. די ערשטע פרעמיס (למשל, אַלע מענשען זיינען שטערבליך) איז עס דער כלל, און דער שלוס איז עס דער פרט. און אַזוי איז עס מיט יעדען סילאָגיזם אָדער, ווי עס איז דער טייטש פון דיזען גריכישען וואָרט, דעזאָנירען.

מיר אורטיילען אַלץ לויט דעם סילאָגיזם, וואָס עס איז דער גרונד פון לאָגיק, ווי אַריסטאָטעל האָט עס צוגליערערט און ערקלערט מיט אַזאַ טיעפקייט, חריפות און אויספיהרליכקייט, אַז עס איז ניט כמעט גאָר ניט געבליבען וואָס צו צוזעצען דערצו עד היום.

דער אונטערשיעד אין די צוויי אויבענגעבראַכטע ביי־שפיעלען פון סילאָגיזמען איז אייגענטליך בלויז אין זייערע פרעמיסעס. אָט וועהרענד קיינער צווייפעלט ניט און קען גאָר ניט צווייפלען, אַז מענשען זיינען שטערבליך און אַז יעדער איינער פון אונז, רעזאָנירענדע באַשעפענישען אין אַ געוויסער געשטאַלט, איז אַ מענש, האָט מען ניט נור געצווייפעלט, אַז פלאַנעטען דרעהען זיך אַרום דער זון און אַז די ערד איז אַ פלאַנעט, זאָנדערן מען האָט באהויפטעט פונקט פאַרקעהרט ביז ערשט גאָר ניט לאַנג צוריק, ביז נאָך קאָפּערניקוס'עס טויט אין 16טען יאָהרהונדערט.

אויך היינט געפינען זיך אין ציוויליזירטע לענדער מאַסען מענשען, וואָס גלויבען נאָך אַלץ, אַז די ערד איז דער צענ־טער פון דער וועלט און אַז די זון מיט אַלע פלאַנעטען (דאָס מיינט: וואַנדערנדע שטערן) און פיקסע שטערן (דאָס מיינט: ניט־וואַנדערנדע שטערן) דרעהען זיך אַרום איהר.

מען מוז טאַקע שטודירען אַסטראָנאָמיע, ווענינסטענס קאָסמאָגראַפיע (דאָס מיינט: וועלט־באַשרייבונג), אום צו קענען פאַרשטעהען גרינדליך דיזע באהויפטונגען וועגען די פלאַנעטען און די ערד. נור אַן אַסטראָנאָם, וואָס האָט שטו־דירט די העכערע מאַטעמאַטיק, קען דאָס באַווייזען. דער גרויסער גייסטיגער פאָרטשריט אין די לעצטע דריי יאָהרהונ־דערטע איז אַם מעהרסטען פאַרבונדען מיט דיזע אַסטראָנאָמישע באווייזע. די לעהרע פון קאָפּערניקוס האָט אַרויסגערופען אַ רעוואָלוציאָן אין די מוחות, האָט טאַקע איבערגעקעהרט, מעג מען זאָגען, אַ וועלט (געברויכענדיג, נאַטירליך, דיזען וואָרט ניט אין אַ בוכשטעבליכען זינען, נור אין אַ פיגוראַטיווען אָדער, פּראָסט אידיש גערעדט, מליצה'דיגען זינען). ווער עס האָט נור געלעזען די געשיכטע פון דער נייער צייט, דער ווייס עס גאַנץ גוט.

עס איז טאַקע אזוי ריכטיג און זיכער, אַז די ערד איז אַ פלאַנעט, און אַז זי דרעהט זיך אַרום די זון, ווי עס איז ריכטיג און זיכער, אַז מענשען און אַלע באַשעפענישען שטאַרבען, אָבער עס איז דאָך איבעריג צו באַמערקען, אַז די ערשטע באהויפטונגען זיינען ניט אזוי קלאָר און איבערצייגענד פאַר יעדען איינעם פון אונז, ווי די דריטע אין דעם סילאָגיזם וועגען פלאַנעטען. ווען אַלע באהויפטונגען וואָלטען געוועזען אזוי קלאָר און פאַרשטענדליך, אזוי איבערצייגענד, ווי אַז „מענשען זיינען שטערבליך“, וואָלטען מיר טאַקע גאַנץ ווענוג אָדער גאָר ניט געקומען צו פאַלשע שליסע.

מיר קומען דאָ אַזוי ווידער צו דער באהויפטונג, וועלכע איז שוין פריהער געמאַכט געוואָרען און צו וועלכער מיר וועלען זיך ניט איין מאָל מוזען צוריקקעהרען שפּעטער, נעמליך: אַז די ריכטיגקייט אָדער פאַלשקייט פון אַ שלוס ליעגט אין דער ריכטיגקייט אָדער פאַלשקייט פון די פרעמיסעס. וואָס פעסטער עס איז דער גרונד פון אונזערע באהויפטונגען, אַלץ ריכטיגערע שליסע קענען מיר פון זיי ציהען.

דער שלוס פון פאַלשע פרעמיסעס מוז, נאַטירליכערווייזע, אויך זיין אַ פאַלשער, ווי ער זאָל ניט פאָלגען נאָך אַלע געזעצע

פון דענקען, נאָך אַלע רעגעלען פון לאָגיק. אַן אורטייל פאָדערט ניט דוקא, אַז די באַהויפּטעטע זאַך עקזיסטירט אָדער זאָל עקזיסטירען אין דער ווירקליכקייט אָדער אפילו אין דער פאַנטאַזיע, נור בלויז אַ געוויסען אויסדרוק, אַ געוויסע פאַרבינדונג אָדער אַ קייט געדאַנקען און ווערטער.

* * *

דערווייל האָב איך יעדענפאַלס באַוויזען מיין ערשטע באַהויפּטונג אין דיזען קאַפּיטעל, אַז „מענשען אורטיילען, רעזאָנירען א. ז. וו. אויף אַ געוויסען שטייגער.“ איהר מוזט עס צוגעבען נאָך די אויבענגעבראַכטע ערקלערונגען און ביישפּיעלען פון סילאָגיזמען. דערפון מעגען מיר שוין דרינגען אָדער שליסען, אַז לאָגיק איז טאַקע אַ וויסענשאַפט. מיר קענען יעצט צוזאַמענשטעלען אַזאַ סילאָגיזם:

יעדע וויסענשאַפט שטיצט זיך אויף געוויסע נאַטור־געזעצע, ווי ווייט מען קען זיי בעאָבאַכטען און באַשטימען נאָך ערפאַהרונגען;

לאָגיק שטיצט זיך אויף די נאַטור־געזעצע פון דענקען;

פאָלגליך איז לאָגיק אַ וויסענשאַפט.

מען זאָגט אָבער אויך, אַז „לאָגיק איז די קונסט פון דענקען“. ניט ווייניג דיסקוסיעס זיינען געפיהרט געוואָרען צווישען פילאָזאָפען וועגען דעם, אויב לאָגיק זאָל באַטראַכט ווערען אַלס אַ וויסענשאַפט, אָדער אַ קונסט, אָדער ביידע צוזאַמען. די גריכישע פילאָזאָפען און לאָגיקער פלעגען אַמאָל געברויכען די ווערטער „לאָגישע וויסענשאַפט“ און אַמאָל „לאָגישע קונסט“. אַזוי איז עס אויך מיט אַנדערע בעלי ההגיון.

מיר ווילען זיך אָבער דאָ ניט אָפּשטעלען אויף אַזעלכע באַטראַכטונגען און חקירות, וועלכע זיינען אייגענטליך האָאַרשפּאַלטענדע. פאַר פּראַקטישע צוועקען, פאַר די יעניגע, וואָס ווילען לערנען די רעגעלען פון קאָרעקטען, טאַקע לאָגישען דענקען, איז עס ניט וויכטיג, אויב לאָגיק איז אַ וויסענשאַפט אָדער אַ קונסט. די אונטערשיעדע צווישען קונסט און וויסענשאַפט איז בכלל ניט לייכט צו באַשטימען גענוי. אין אַלגעמיין מעג מען זאָגען, אַז אַ וויסענשאַפט לערנט אונז צו קענען און אַ קונסט לערנט אונז אָנצו־ווענדען אונזערע קענטניסע.

אַז מען זאָל אָנהויבען צו גריבלען זיך שטאַרק אין דעם, וואָס עס איז אייגענטליך אַ גענויע, אַ שטרענגע וויסענשאַפט און וואָס ניט, וועט מען מוזען אַ היבשע ביסעל וויסענשאַפטען ערקלערען פאַר קונסטען און אַנדערע גאָר פאַרוואַרפען, ווי למשל אַסטראָלאָגיע, שוין ניט ריידענדיג פון טעאָלאָגיע... מאַלע צו וואָס מען זעצט צו דעם וואָרט „לאָגיע“, אום עס זאָל האָבען דעם פּנים פון אַ וויסענשאַפט.

גראַדע די גענויעסטע נאַטור־וויסענשאַפטען פיהרען צו העכסט וויכטיגע און ניצליכע קונסטען. די אַסטראָנאָמיע, וועלכע ווערט גערעכענט און מעג טאַקע גערעכענט ווערען פאַר די גענויעסטע און שטרענגסטע פון אַלע נאַטור־וויסענשאַפטען, איז דער גרונד פון אַזעלכע ניצליכע קונסטען, ווי נאַוויגאַציאָן, די צוזאַמענשטעלונג פון קאַלענדאַרען, כראָנאָלאָגיע א. ז. וו.

און כעמיע, וועלכע איז אַ זעהר גענויע וויסענשאַפט, איז דער פונדאַמענט פון זעהר פיעל ניצליכע קונסטען. מעדיצין קען גערעכענט ווערען פאַר אַ קונסט, וואָס שטיצט זיך ספּעציעל אויף אַזעלכע וויסענשאַפטען, ווי אַנאַטאָמיע און פיזיאָלאָגיע. פון דעסטוועגען רעדט מען פון מעדיצין אַלס אַ וויסענשאַפט. מען הערט דאָך אַזוי אָפט דעם אויסדרוק „מעדיצינישע וויסענשאַפט“, און מיט מעהר רעכט מעג מען זאָגען „לאָגישע וויסענשאַפט“.

בקיצור, אַזוי ווייט ווי די לאָגיק שטיצט זיך אויף די געזעצע פון דענקען, איז זי אַ וויסענשאַפט, און ווי ווייט זי פיהרט אונז צו ריכטיגע רעזאָנירונג איז זי אַ קונסט. ווי שוין אויבען דערמאָנט, באַטראַכט מען די לאָגיק אַלס „די וויסענשאַפט פון וויסענשאַפטען“, ווייל זי דרינגט אריין אין דער טעטיגקייט פון גייסט, אין דעם עיקר פון דענקען, אין דעם פונדאַמענט פון קענטנים בכלל.

ווי אַזוי מיר אורטיילען, ווי אַזוי מיר פאַרבינדען פּרעמיסעס, אום צו ציהען דערפון שליסע — דאָס וועט שוין ערקלערט ווערען אין נעקסטען אַרטיקעל.

# אַ פּראַקטישע וויסענשאַפט

פון ע. א. ברוידעס

דער מענש איז אַ געצייג־ברויכענדע באַשעפעניש, און וויסען איז דעם מענשענס וויכטיגסטער געצייג, דער וויכטיגסטער וואָפען אין זיין קאַמף מיט און פאַר דעם לעבען. די אַלגעמיינע וויסענשאַפטען: פיזיק, אַסטראָנאָמיע, געאָלאָגיע, ביאָלאָגיע און אַזוי ווייטער, זיינען וויכטיג פאַר יעדען מענשען, צו וועלכען סאָציאַלען קלאַס ער זאָל ניט באַלאַנגען. אַ מענש, וועלכער ווייס און פאַרשטעהט די וועלט, אין וועלכער ער לעבט, לעבט אַ ברייטערען, אַ טיעפערען און אינטערעסאַנטערען לעבען ווי די, וועמען קיין זאַך, אויסער זייערע אייגענע פיזישע באַדערפענישען, אינטערעסירט ניט.

נאָך אַלע סך־הכל'ס איז אונזער לעבען אינטערעסאַנט אָדער ניט אינטערעסאַנט, שעהן אָדער מיאוס, ברייט אָדער איינגעצאַמט, אינהאַלטסרייך אָדער אינהאַלטסלאָז, נאָר לויט ווי עס זיינען די זאַכען, מיט וועלכע מיר אינטערעסירען זיך, וועלכע ליגען אונז די מעהרסטע צייט אין זינען. וויסען מאַכט רייכער, שעהנער און פולער דעם מענשענס נשמה. אָבער אין פּראַקטישען לעבען האָבען די אַלגעמיינע וויסענשאַפטען פאַר דעם דורכשניטליכען אַרבייטער אַ קנאַפּען ווערטה. אַמאָל טרעפט, אַז צופיעל וויסען און פאַרשטעהן איז פאַר אַן אַרבייטער אַ קוואַל פון ליידען און צרות. ווען ער איז פאַר'חלומ'ט וועגען די הימלען און די סודות פון דער נאַטור אַרום איהם, רוקט אַ „ניכטערער קערל“ דעם באָדען אַרויס פון אונטער זיינע פיס...

פּאָליטישע עקאָנאָמיע האָט אָבער פאַר דעם יעצטיגען לוין־שקלאַף און פאַר'ן צוקינפטיגען וועלט־באַהערשער — דעם פּראָלעטאַריער — אַ העכסט פּראַקטישען ווערטה. דאָס לעבען פון דעם איינצעלנעם אַרבייטער ווענדט זיך אימער און אומעטום פון די לעבענס־באַדינגונגען פון זיין כלל, פון דעם גאַנצען אַרבייטער־קלאַס, און דערפאַר איז אונמעגליך פאַר דעם אַרבייטער צו קעמפען פאַר אַ בעסערען לעבען פאַר זיך אָהן אַ קלאָרען פאַרשטעהן פון די אַלגעמיינע געזעצע, וועלכע באַשטימען די דאָזיגע באַדינגונגען. ווען דער אַרבייטער, אַלס איינער פון דעם כלל אַרבייטער, וויל פאַרלייכטערען זיין לעבען, וויל מאַכען קירצער די שטונדען פון זיין שקלאַפעריי און פאַרגרעסערען זיין גענוס פונ'ם לעבען, מוז ער פריהער וויסען צי אַזאַ זאַך איז בכלל מעגליך אין אַ געוויסער צייט און אין געוויסע אומשטענדען.

שעהנע חלומות וועגען גליק און פרייהייט ווערען פאַרוואַנדעלט אין פאַרפאָלגענדע שאָטענס, אויב זיי ווערען ניט מיט דער צייט פאַרוואַנדעלט אין טיעפע האָפנונגען און זיכערע ערוואַרטונגען.

דער אַרבייטער־קלאַס פיהרט יעצט אומעטום אָן אַ מעכטיגען קאַמף געגען זיין יעצטיגער שקלאַפעריי און פאַר זיין צוקינפטיגער הערשאַפט, און אין די לעהרען פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע געפינט ער ניט נור אַ באַרעכטיגונג פאַר זיין קאַמף, נאָר אויך אַ וויסענשאַפטליכע באַגרינדונג פאַר זיינע האָפנונגען און אידעאַלען, און אויב עס איז וויכטיג פאַר יעדען אַרבייטער צו זיין באַקאַנט מיט די גרונד־פּרינציפּען פון

די אַלגעמיינע וויסענשאַפטען, זאָיז עס אַ חוב אויף יעדען לוין־שקלאַף צו שטודירען די לעהרען פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע. דער קלאָרער פאַרשטעהן, אַז זיינע קלאַסען־פאָדערונגען זיינען גערעכטע, און דאָס וויסען, אַז די ענטוויקלונג פון די עקאָנאָמישע כחות מוז אפילו בלינדערהייט פיהרען צום ענדליכען זיעג פון דעם שעפער פון לעבען געגען זיינע באַרויבער, וועלען צוגעבען יעדען איינציגען אַרבייטער מוט און שטאָלץ אין זיין קאַמף. דאָס וועט פאַרגרעסערען זיינע כחות בייצושטעהן די ליידען און די קרבנות, וואָס דער דאָזיגער קאַמף פאָדערט.

אידען אַלס אַ כלל דאַרפען אייגענטליך זיין בעסער באַקאַנט מיט די פּרינציפּען פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע ווי וועלכער עס איז אַנדער פאָלק. אין דער צייט ווען די מעהרסטע פעלקער האָבען נאָך געלעבט „פון דער פעטקייט פון דער ערד“ און האָבען געהאַט ווייניג שייכות מיט דער אויסערער וועלט אַרום זיי, האָבען שוין אידען געלעבט אין אַ וועלט פון סחורות און געלד. ווען די גוי'אישע וועלט האָט געשאַפען די מיטלען צום לעבען מיט די מוסקולען, האָבען די אידען זיך אָפּגעגעבען מיט די נערוועז און מיט די בלוט־קאַנאַלען פון דער געזעלשאַפטליכער ווירטשאַפט. די פאָרמולען: סחורה—געלד—סחורה אָדער געלד—סחורה—געלד זיינען די פּראַקטישע אידען געווען גוט באַקאַנט אַ סך פריהער איידער די טעאָריען פון קאַפּיטאַל זיינען געשאַפען געוואָרען.

דער אידישער אַרבייטער איז ניט אויפגעהאָדעוועט געוואָרען אין דער „נאַטירליכער אַטמאָספּערע“ פונ'ס דאָרף. זיין טאַטען'ס פּרנסה איז געקומען פון פדיון, פון מעקלעריי אָדער פון שכירות (מלמדישע אָדער שניידערשע איז קיין אונטערשיעד) — דאָס זיינען אַלץ קלאָרע פּאָליטיש־עקאָנאָמישע באַגריפען און ווערטער. דער נאָמען פון קאַרל מאַרקס, פון דעם גרעסטען גאון פון דער עקאָנאָמישער וויסענשאַפט, איז באַקאַנט יעדען אידישען אַרבייטער. די, וועלכע האָבען ניט געהערט זיין נאָמען דערמאָנט צו ווערען לשבח, צום גוטען, — האָבען זיכער געהערט אָדער געלייענט דאָס, וואָס די שעהנע בעלי־בתים אין שאַפּ און אויסער'ן שאַפּ האָבען צו זאָגען שלעכטעס וועגען דעם באַגרינדער פונ'ם וויסענשאַפטליכען סאָציאַליזם און זיינע טעאָריעס. אונטער אַזוינע אומשטענדען האָט מען געקענט ערוואַרטען, אַז אין דער אידישער שפּראַך זאָל זיין אַ פאַרהעלטניסמעסיג ניש'קשה'דיגע עקאָנאָמישע ליטעראַטור. ליידער איז ביז יעצט נאָך ניט געווען אין אידיש אפילו קיין איין סיסטעמאַטישער לעהרביכעל פאַר פּאָליטישער עקאָנאָמיע, ווער רעדט שוין וועגען ערנסטערע ווערק פון דעם סאָרט.

עס זיינען דאָ אין אידיש אַ היבש ביסעל גאַנץ גוטע בראָשורען וועגען איינצעלנע עקאָנאָמישע פראַגען, אָריגינעל געשריבענע און איבערזעצונגען פון אַנדערע שפּראַכען; זיינען אָבער די מעהרסטע פון די דאָזיגע בראָשורען לכתחילה געשריבען געוואָרען לשם אַגיטאַציע און ענטהאַלטען אין זיך גאַנץ ווייניג ידיעות, וואָס קענען באַנוצט ווערען פון די, וועלכע ווילען שטודירען פּאָליטישע עקאָנאָמיע אַלס אַ וויסענשאַפט. די „פּאָליטישע עקאָנאָמיע“ פון דער „אַרבייטער רינג ביבליאָטעק“ וועט דערפאַר זיכער אויפגענומען ווערען מיט פרייד פון די אינטעליגענטערע אידישע אַרבייטער, וועלכע האָבען דעם פאַרלאַנג און די גייסטיגע ענערגיע צו שטודירען ערנסט געזעלשאַפטליכע פראַגען.

די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע פון דעם אַרבייטער רינג פאַרדיענט דערפאַר די דאַנקבאַרקייט פון די אידישע אַרבייטער אין אַמעריקא פאַר אַרויסגעבען די פּאָפּולערע „פּאָליטישע עקאָנאָמיע“ אַלס אַ טייל פון דער „ביבליאָטעק“.

א. ש. זאַקס, דער שרייבער פון דער „פּאָליטישער עקאָנאָמיע“, איז גוט באַקאַנט די אידישע לעזער. ער האָט פיעל געשריבען וועגען עקאָנאָמישע פראַגען אין פאַרשיעדענע אויסגאַבען, און מיט אייניגע יאָהר צוריק האָט ער אָנגעשריבען אַ בוך אין אידיש וועגען דער געשיכטע פון דער עקאָנאָמישער וויסענשאַפט, ווי אויך אַ בוך וועגען די לעהרע פון סאָציאַליזם.

אין די צוויי אַרויסגעגעבענע בענדער ווערען באַהאַנדעלט די וויכטיגסטע עקאָנאָמישע טעאָריעס. א. ש. זאַקס איז אַ תלמיד פון קאַרל מאַרקס אין דער עקאָנאָמישער וויסענשאַפט און זיין ווערק איז געבויט אויף די פּרינציפּען פון מאַרקסיזם, כאָטש באַהאַנדלענדיג די וויכטיגסטע עקאָנאָמישע טעאָריעס גיט ער אויך איבער דעם שטאַנדפּונקט פון די בורזשואַזע עקאָנאָמען, וועלכע האָבען געשריבען פאַר און נאָך קאַרל מאַרקס. דאָס העלפט דעם לעזער בעסער און גרינדליכער צו פאַרשטעהן דעם סאָציאַליסטישען שטאַנדפּונקט וועגען די זעלבע פראַגען.

ווי עס ווייזט אויס האָט דער פאַרפאַסער פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע געשריבען זיין בוך פאַר מענשען, וועלכע זיינען גרייט ערנסט צו שטודירען די עקאָנאָמישע וויסענשאַפט. די צוויי ביכלאַך זיינען איינגעטיילט אין צוואַנציג לעקציעס. די לעקציעס באַהאַנדלען, — אויסער די אַלגעמיינע פראַגע וואָס איז אַזוינס פּאָליטישע עקאָנאָמיע, — די לעהרען פון פּראָדוקציע, פון ווירטשאַפטס־סיסטעמען, פון צירקולאַציע, פּראָפיט, די מעהרווערטה טעאָריע, אַרבייטס־לוין, רענטע און די באַפעלקערונגס־פראַגע.

די מעהרסטע לעקציעס זיינען געשריבען אין אַן איינפאַכער שפּראַך מיט גענוג ביישפּיעלען און ערקלערונגען, צו מאַכען קלאָר דעם ענין אפילו פאַר אַרבייטער, וועלכע זיינען ניט געוועהנט געוואָרען צו פאַנאַנדערפלאָנטערען זיך אין פאַרוויקעלטע פּראָבלעמען. אַנדערע לעקציעס אָבער זיינען שוין אַביסעל צו קורץ געשריבען, למשל די לעקציע וועגען רענטע און ספּעציעל וועגן די „מעטאָדען“ פון דער וויסענשאַפט.

א. ש. זאַקס שרייבט שוין אין אידיש אַ סך יאָהרען און זיין שפּראַך איז דער אמת'ער היימישער ליטווישער אידיש, כאָטש אין פיעלע פעלצער ווייזט דער מחבר שוין אַרויס אַביסעל צופיעל זיין ליטווישע למדנות מיט דעם, וואָס ער ברויכט אַ סך העברעאישע ווערטער אין גאַנצע זאַצען. ער טוט עס אפילו דאָרט, וואו פּשוט'ע אידיש וואָלט געווען אי בעסער אי שעהנער פון דעם שטאַנדפּונקט פון ליטעראַרישען סטיל. למשל אין דער ניינטער לעקציע, זייט 89 פון דעם ערשטען טייל, געפינען מיר אַזאַ זאַץ: „האָבען גע'חלופ'ט דירעקט סחורות אויף סחורות.“ איך דענק, אַז זאָגען פּשוט „האָבען אויסגעביטען“ א. א. וו. וואָלט געווען אַ בעסערער אידיש און מעהר פאַרשטענדליך פאַר דעם דורכשניטליכען לעזער.

---

אויב איהר וועט אַריינקומען אין אַרבייטער־רינג אַמוועניגסטענס איין נייעס מעמבער אין חודש וועט איהר צוועלף מאָל אין יאָהר פיהלען אַן אַנגענעהמען שטאָלץ און אַ זיסען באַוואוסטזיין, אַז איהר ערפילט אייער חוב.

* * *

ווען די שטורעם גלאָקען האָבען זיך צוריסען אויסקלינגענדיג די בשורה פון וואַפענשטילשטאַנד און די הונדערט מיליאָניגע באַפעלקערונג פון די פאַראייניגטע שטאַאַטען האָט געיובעלט און איבערגעפילט געוואָרען מיט פרייד האָט אונזער „טעדי“ נעבאך געווישט די פאַרצויגענע גלעזער פון זיינע ברילען: פון זיינע נאָזלעכער האָט אַרויסגעשלאָגען אַ פייער פון כעס און גרימצאָרן.

* * *

ווי עס ווייזט אויס האָט מען אין רוסלאַנד נישט אַרויסגענומען קיין פּאַטענט אויף די סאָוויעטען, אפילו נישט קיין „קאַפּוריט“.

אין די ציגעלניעס פון מיפּעלטאַן, פּענסילוויניא, זיינען יעצט באַשעפטיגט פיעלע פרויען אַלס ציגעל אַרבייטערינס. מיר פאַרלאַנגען נור פון אויך פּראָגרעסיווע פרויען צו העלפען אונז טראָגען די ציגעל צו דעם בנין פון פרייהייט. מאַכט אַן אָנהויב און שליסט זיך אָן אָן דעם אַרבייטער־רינג.

* * *

מ'טאָר נישט זיין צו זיכער אין קיין זאַך. דאָך קענען מיר מיט אַ ריינעם געוויסען באַשטימט באַהויפּטען: אין אַ סאָציאַליסטישער אָרדנונג וואָלט נישט טרעפען אַזאַ אומגליק ווי עס האָט לעצטען מאָנאַט געטראָפען אין ברוקלין דורך דער פאַרברעכערישער פּראָפיטען־מאַכעריי פון דער ברוקלין ראַפּיד טרענזיט קאָ.

* * *

מיר פאַרענדיגען דאָך דעם יאָהר 1918 אַ ביסעל פרעהליכער, ווי מיר האָבען פאַרענדיגט דעם פריהערדיגען.

# די צוקונפט פון אידיש

פון יעקב לעווין

די אידען (מיר רעדען דאָ וועגען די אונזעריגע, אשכנזישע אידען פון רוסלאַנד, פוילען, ליטאָ, רומעניען, אַמעריקע און אַנדערע לענדער) האָבען מעהר ווי מיט טויזענד יאָהר צוריק איבערגענומען אין די גערמאַנישע לענדער אַ געוויסען טייטשען דיאַלעקט. זיי האָבען אָבער אַריינגענומען אין איהם אַ גאַנצע רייהע העברעאישע און אַראַמישע ווערטער פאַר באַגריפען פון רעליגיע און ימים־טובים (טלית, תפילין, שבת, אתרוג, חלה), אויך פאַר העכערע באַגריפען, פאַר וועלכע עס איז דעמאָלט אין דער אַרומיגער שפּראַך פּילייכט נאָך קיין פּאַסיגע ווערטער ניט געווען (מצוה, רחמנות, יושר) און פאַר נידעריגע באַגריפען, וואָס אויסדריקען זיי אין דער געוועהנליכער שפּראַך וואָלט אויסגעזעהן צו גראָב (קללה, קדחת, זנות, נואף) און פון דיביידע עלעמענטען האָבען זיי געשאַפען פאַר זיך אין משך פון דורות אַ נייע שפּראַך, וואָס איז געווען אָנגעמאָסטען פאַר זייער לעבען און זייערע באַדערפענישען.

נאָך די קרייצצוגען האָבען די אידען פון די גערמאַנישע לענדער אָנגעהויבען איינצואוואַנדערען אין פוילען, צוערשט אין קלענערע צאָהלען, שפּעטער, אָנהויבענדיג פון 14טען יאָהרהונדערט, אין גרעסערע מאַסען. די אידען פון פוילען האָבען ניט איבערגעריסען זייערע באַציהונגען מיט די דייטשע אידען. זיי האָבען צוערשט נאָך געמוזט אָנקומען צו די לעצטע און רעליגיעזע פראַגען. זיי האָבען פון דייטשלאַנד אויסגעשריבען פאַר זיך רבנים און פלעגען אַהין שיקען זייערע בעסערע בחורים אין די ישיבות לערנען. זיי האָבען אויך אָנגעהאַלטען מיט זיי שטענדיגע האַנדעלס־באַציהונגען. אָבער מיט דער צייט האָט זיך דער אידישער צענטער — סיי אין הינזיכט פון צאָהל, סיי אין הינזיכט פון קולטור — אַריבערגעקליבען קיין פוילען.

אין פוילען זיינען די אידען געווען אַ באַזונדער סאָציאַלער קלאַס — דער מיטעלקלאַס. זיי זיינען געשטאַנען סאָציאַל נידעריגער פאַר די פּריצים און העכער פאַר די לייבאייגענע פויערים. זיי פלעגען קומען מיט די ביידע קלאַסען נאָר אין געשעפטליכע באַציהונגען. אויסער געשעפט פלעגט דער איד פאַרברענגען די גאַנצע צייט אין זיין אייגענער אידישער סביבה. אַ סך אידען — די כלי קודש, די בעלי מלאכות, וואָס האָבען געאַרבייט אויף אידען, און די קרעמער, וואָס האָבען געהאַט אידישע קונים — האָבען געלעבט אויסשליסליך פון אידען און זיי איז פּאַקטיש ניט אויסגעקומען צו קאָנען די אַרומיגע שפּראַך. די רעליגיע האָט אויך געהאַלטען די אידען פון וויטען; די שנאה־אויסברוכען פון די פּאָליאַקען צו די אידען, וואָס פלעגען [illegible]ן צייט צו צייט פאָרקומען, האָט זיי נאָך מעהר געהאַלטען [illegible] וויטען. און די אידישע קולטור איז צוערשט געשטאַנען [illegible]ל העכער פון דער פּוילישער, אַזוי אַז די פּוילישע קולטור [illegible] ליטעראַטור, און צוזאַמען מיט איהר אויך די שפּראַך, [illegible]ען אויך ניט געקאָנט האָבען קיין ווירקונג אויף די אידען. דאָס אַלץ האָט געבראַכט דערצו, אַז די אידען זאָלען ביי זיך אַנטוויקלען אַ באַזונדער לעבען, אַ באַזונדער סביבה מיט די פאַרשיעדענסטע באַזונדערע פונקציעס — רעליגיעזע, געריכטליכע, טיילווייז אפילו פּאָליטישע; מיט אַ באַזונדער ערציהונגס־סיסטעם, מיט גאַנץ באַזונדערע באַגריפען וועגען דעם, וואָס איז גוט און שלעכט, שען און מיאוס, און — מיט אַ באַזונדער אייגענער שפּראַך — דעם „יודיש־טייטש“.

צוזאַמען מיט׳ן יודיש־טייטש איז ביי אידען געווען נאָך אַ שפּראַך — די העברעאישע. דאָס איז געווען די שפּראַך פון רעליגיע און פון לערנען. געדאַווענט און געמאַכט אַלע זיינע ברכות האָט דער איד אין לשון־קודש, אין דער הייליגער שפּראַך, אין דער שפּראַך פון תנ״ך. אין דער הינזיכט האָט ער אויך נאָכגעטאָן די גוים, וועלכע האָבען געדאַווענט אויף אַ צווייטער הייליגער שפּראַך — אויף לאַטין, אויף דער שפּראַך פון דער אָנגענומענער איבערזעצונג פון דער ביבעל. געלערנט האָט דער איד אויך די הייליגע ספרים; געשריבען האָט ער אין לשון־קודש אָדער אין אַראַמעאיש (אויף תרגום־לשון), ווייל אויף אידיש איז נאָך קיין ליטעראַטור ניט געווען. דער איד האָט אַלזאָ געהאַט צוויי שפּראַכען: איינע אַ הייליגע, די אַנדערע אַ וואָכעדיגע.

די אידישע פרוי איז צוערשט געווען כמעט אינגאַנצען אויסגעשלאָסען סיי פון דאַוונען, סיי פון לערנען. מען פלעגט זעהר זעלטען לערנען די מיידלעך; און ווען מען פלעגט זיי שוין לערנען, איז דאָס לעצטע באַשטאַנען בלויז אין אויסלערנען עברי זאָגען, כדי זיי זאָלען קאָנען זאָגען די תפילות. לערנען מיידלעך מעהר האָט זיך זאָגאַר גערעכענט איין צייט פאַר אַן עבירה, אַזוי אַז די פרויען האָבען ניט פאַרשטאַנען דעם דאַוונען און זיינען געווען ווייט פון יעדען בוך, איינגעשלאָסען אויך דעם חומש. אָבער די גייסטיגע באַדערפענישען פון דער פרוי זיינען געווען וואַך; זיי האָבען געפאָדערט אַ באַפריעדיגונג. און די באַפריעדיגונג איז געקומען אין דער זעלבער פאָרם, וואָס די מאַסען פון אַנדערע פעלקער. די רעליגיעזע רעפאָרמאַציע מיט איהר פאָדערונג צו דאַוונען אויף דער שפּראַך, וואָס מען רעדט, האָט קיינמאָל ניט געהאַט קיין ערפאָלג צווישען די אידען, וואו זיי האָבען נאָר געוואוינט אין ברייטע מאַסען. אָבער בנוגע די אידישע פרויען איז אָט דער פּרינציפּ שוין דורכגעפיהרט געוואָרען גאַנץ לייכט. זעלטען וועלכע אידישע פרוי האָט געקאָנט דאַוונען און פאַרשטעהן דעם טייטש פון די תפילות אויף העברעאיש. דערפאַר זיינען די תפילות איבערגעזעצט אָדער איבערגעאַרבייט געוואָרען אין אידיש, און עס זיינען געשאַפען געוואָרען ספּעציעלע תחינות פאַר די ווייבער. און די תחינות זיינען געוואָרען די ווירקליכע תפילות פון דער אידישער פרוי. די אַלגעמיינע תפילות האָבען זי געלאָזען קאַלט; אין די תחינות אָבער, וועלכע זי האָט פאַרשטאַנען, פלעגט זי אויסגיסען איהר נשמה פאַר גאָט, אויף זיי פלעגט זי פאַרגיסען טרערען און פאַרגעסען אָפּטמאָל איהרע צרות. און נאָך די תחינות איז געקומען די איבערזעצונג פונ׳ם חומש אויף אידיש, אין אַ פאָרם, וואָס איז מעהר פאָלקסטימליך און צוגענגליך פאַר דער פרוי, — דער צאינה וראינה. און נאָכדעם — פאַרשיעדענע אַנדערע איבערזעצונגען סיי פון אידישע רעליגיעזע און מוסר־ספרים, סיי פון דער אַרומיגער וועלטליכער ליטעראַטור.

ווען עס האָט זיך אָנגעהויבען די חסידישע באַוועגונג — די ברייטסטע דעמאָקראַטישע באַוועגונג ביי אידען ביז׳ן לעצטען פערטעל יאָהרהונדערט — האָט צוזאַמען מיט די מאַסען אָנגעפאַנגען אַלץ מעהר אויפגעריכט צו ווערען אויף די אידישע שפּראַך. ביי די גרויסע חסידישע רבנים איז די אידישע שפּראַך געווען פונקט אַזוי הייליג, ווי די העברעאישע. זיי האָבען דערצעהלט זייערע מעשות — אָפּטמאָל אויפ׳ן העכסטען גראַד פאַנטעטישע — פאַר די חסידים אין אידיש, האָבען געזאָגט זייער תורה אין אידיש, האָבען אפילו פאַרפאַסט תפילות אין אידיש. ווייל ביי די חסידים איז געווען וויכטיג ניט דאָס פאָרמאַלע אָפּקלאַפּען מיט די ליפּען די תפילות, וועלכע מען פאַרשטעהט ניט, נאָר די כונה, דאָס אויפריכטיגע רעליגיעזע געפיהל, וואָס קאָן זיך אויסדריקען נאָר דורך פאַרשטענדיגע ווערטער.

אין דעם גאַנצען נייַנצעהנטען יאָהרהונדערט געהט אָן אין די לענדער, וואו עס וואוינען ברייטע אידישע מאַסען, צוזאַמען מיט דער אויפוואַכונג פון די אידישע מאַסען, מיט זייער אויפשטעהן געגען די בעלי־בתים פון דעם קהל, געגען די פּרנסים און די פאַרשיעדענע קהל׳שע עקספּלואַטאַטאָרס; צוזאַמען מיט דעם ווי דער אידישער שניידער רייסט אַראָפּ פון זיין מאַנטעל די שער, וואָס ער האָט געמוזט אָננעהען אַלס שאַנדצייכען, און דער שוסטער די אָל; צוזאַמען מיט דעם ווי דער

המון ווארפט פון זיך אלץ מעהר אראפ די הערשאפט פון די בעלי־טאקסעס, פון די שענע בעלי־בתים און שטאדט נגידים און הויבט אליין אן צו פארנעמען א פלאץ אינ׳ס אידישען געזעלשאפטליכען לעבען, צוזאמען מיט דעם געהט אויך די אנטוויקלונג פון דער ליטעראטור אויף דער שפראך פון די אידישע מאסען — אויף אידיש. צוערשט איז דאס א גאנץ ווענינ אריגינעלע ליטעראטור און נאר פאר דעם גאר ווענינ־אנטוויקעלטען המון פאר דיענסטמיידלעך און שניידער־יונגען; אבער וואס אנטוויקעלטער עס ווערען די מאסען, וואס מעהר אינטעליגענטערע קרעפטען זיי גיבען פון זיך ארויס, אלץ אריגינעלער און באדייטענדער ווערט די אידישע ליטעראטור. די אידישע שרייבער, וואס זייגען געשטאנען נעהענטער צום פאלק, האבען באגריפען, אז שרייבען אויף לשון־קודש מיינט אייגענטליך האבען אין זינען בלויז עטליכע טויזענד ישיבה־בחורים, זיידענע יונגע לייט און למדנים באנק־קוועטשערס, און לכתחילה באדויבען די ברייטערע מאסען פון א העכער גייסטיג אידיש וואָרט. זיי האבען דעריבער אנגעהויבען אויך זייערע אריגינעלע ווערק שרייבען אין דער פאלקס־שפראך, כדי צו מאכען צוגענגליך אט די ווערק פאר די ברייטע מאסען. די לעצטע עטליכע צעהנדליג יאהר, ווען די אידישע ארבייטער זיינען ארויסגעטראטען אלס כח אינ׳ס אידישען לעבען, האט טאקע אויפגעבליהט אן אריגינעלע אידישע פאלקס־ליטעראטור אויף אידיש, וואס שטעהט ניט נידעריגער ווי די ליטעראטורען אויף אנדערע שפראכען. און צוזאמען מיט דער ליטעראטור וואקסט די צוגעבונדענקייט, די ליעבע און די באוואוסטזיניגע אכטונג פון די אידישע מאסען צו דער שפראך אויף וועלכער די ליטעראטור איז געשריבען.

נאך מיט א געוויסער צייט פאר דער פראנצויזישער רעוואלוציע האט זיך צווישען די אידען אין מערב־איירָאפּע פארשפרייט דער געדאנק, אז אין דער אידישער רעכטלאזיגקייט זיינען שולדיג די אידען אליין; אז זייער אפּגעזונדערטקייט אין הינזיכט פון רעליגיע, קליידונג, מהגים און זייער „אומגעבילדעטקייט", איז די סיבה, פארוואס מען האלט די אידען אומעטום אונטער א באזונדער רעזשים. און די אידישע קעמפער פאר גלייכבארעכטיגונג האבען גענומען פרעדיגען די אידען, זיי זאלען זיך נעמען פאר בילדונג און זאלען זעהן זיך מעהר עהנליך מאכען צו זייערע גוי׳אישע שכנים. און צווישען די פאדערונגען, וואס אט די פיאנערען פון בילדונג, פון השכלה האבען געשטעלט צו זייערע ברידער, איז געוועזן די וויכטיגסטע: הערט אויף צו רעדען אויף אייער באזונדער שפראך, וועלכע פרעמדט אייך מעהר ווי אלץ אפ פון די גוים ארום; הויבט אן צו רעדען די שפראך פון די בעלי־בתים פון לאנד. דעמאלט וועט מען אייך בעסער פארשטעהן, מען וועט אין דער געזעלשאפט אפט אפילו ניט קאנען דערקענען, אז איהר זייט א איד, און עס וועט ניט זיין קיין גרונד צו אנטזאגען אייך אין רעכט. דער לאזונג איז געווארען: איהר רעדט ניט אויף א שפראך, נאר אויף א „דייטשען זשארגאן", טאווארפט זשע אוועק דעם זשארגאן און נעמט אן די שפראך אליין, דעם שענעם הויכדייטש, אויף וועלכען עס רעדען אונזערע בעלי־בתים און עס שרייבען די בעסטע דייטשע דיכטער.

# דאס פערד



(פאבעל)

פון נחום י.

א פערד,
וואס האט פון שטענדיג אן די בייטש געהערט, —
דערשרעקענדיג זיך איינמאל פאר א בליין,
(צי אפשר, קען זיין, פון אן איבעריגען שמייץ)
האט זיך ארויסגעריסען פונ׳ם וואגען,
צובראכען איהם אויף שטיקלאך —
און איבעררייסענדיג די רימענס און די שטריקלאך,
האט ער זיך שנעל גענומען יאגען,
און איז פון גלייכען וועג
אין טיעפען וואלד אוועק.
ער האט זיך דארט באקענט, — און באלד דערצעהלט
די טיערע,

ווי ער, ניט וועלענדיג דעם וואגען פיהרען,
האט זיך פון שפאן ארויסגעריסען...
און אויך מיט שטאלין געגעבען זיי צו וויסען,
אז ער האט נאך פון תמיד
געהאסט דעם כאמעט,
און נאר די פרייהייט איז געוועזן זיין שטרעבען
דעם גאנצען לעבען.
קורין אונזער העלד האט באלד
געפונען הן אין גאנצען וואלד,
און איז געוועזן פון אלעמען געעהרט.
א פערד איז אבער פארט א פערד —
און לויט זיין פערדישען פארשטאנד,
האט ער גענומען אויפפיהרען זיך פריי:
געשפרונגען און געהירזשעט נאכאנאנד,
און גלאט אזוי פון שטיפעריי,
ניט קוקענדיג אויף קיינעמס גרויס,
געגעבען דעם א בריק און דעם—א שטויס.
אריבער איז א קליינע צייט;
און וועד עס האט נאר אונזער העלד דערקענט,
פלעגט אנהויבען פון איהם צו וויכען אן א זייט.
א קלוגער בער, וואס איז
פון אלטקייט קוים געשטאנען אויף די פיס
און האט אין זיך א יעגער׳ס קול געטראגען,
האט זיך אזוי צום פערד אמאל געווענדט:
—„מיין פריינד, איך מוז דיר זאגען,
אז קוקענדיג אויף דיר האב איך געקלערט:
עס זיינען אויף דער וועלט אזוינע פערד
נאך איצטער אויך פאראן, —
וואס דארפען נאך א בייטש,—און מוזען געהן אין שפאן"...

γ

# דאָס נייע היטעלע

(אַ קינדער־מעשה)

י. ב. ביילין

אונטער זיעבען שלעסער האָט וועלוועלע׳ס מאַמע באהאַלטען דאָס נייע היטעלע, וואָס זי האָט איהם געקויפט. וואָס ער האָט זיך ביי איהר נישט צובעטען זי זאָל עס איהם געבען נאָר אויף אַ ווײלע אָנטון, כדי ער זאָל קענען ווייזען זיינע חברים אויף דער גאַס, האָט נישט געהאָלפען.

ער האָט צואַקערט די שטוב זוכענדיג, אָבער זיין מאַמע האָט עס אין אַזאַ גוטען אָרט באהאַלטען, אַז וועלוועלע האָט זיך שוין זיין קאָפּ פאַרדרעהט, אָבער געפינען עס האָט ער אַלין נישט געקענט.

— „מאַמע, גיב עס מיר כאָטש נאָך איין מאָל אָנמעסטען אָט דאָ אָ!“ — האָט זיך וועלוועלע געבעטען ביי איהר. — „איך וועל עס אפילו אין האַנד אליין נישט נעמען, דו וועסט עס מיר אָנמעסטען“...

אָבער די מאַמע האָט איהם געענטפערט: „נחת מיינער, אַז איך וועל עס דיר יעצט געבען און וועסט זיך אָנפרעהען מיט דעם, מיט וואָס וועט דיר שוין בלייבען צו פרעהען זיך יום־טוב? מישטיינס געזאָגט, די בגדים וואָס איך האָב דיר גענעהט, אָדער די נייע שיך וואָס איך האָב דיר געקויפט!“...

זי האָט אַ טיעפען זיפץ געטון.

וועלוועלע׳ס מאַמע איז געווען אַן א ל מ נ ה, דערצו נאָך אַן אָ ר ע מ ע און נישט זעהר קיין געזונדע. זומער האָט זי פאַרקויפט פרוכטען, קאַרשען, יאַגדעס, עפּעל, באַרען און ווינטער האָט זי געטראָגען אין די רייכע הייזער עופות, היהנער, גענז, ענדיקעס. עטליכע וואָכען אין יאָהר האָט זי זיך איינפאַך נישט געקענט צורייסען; דאָס איז געווען פאַר ראש־השנה, ווען זי האָט נאָך אונטערגעהאַנדעלט מיט די פרוכטען און זי האָט שוין אָנגהויבען פאַנאַנדערצוטראָגען די עופות אין די גבירישע הייזער. אָבער פון איהר גאַנצער שווערער אַרבייט האָט זי קוים ערנעהרט זיך און די „צוויי שטיקלאַך קינדער“, ווי זי פלעגט אָנרופען איהרע צוויי אינגלאַך. דער אינגערער, אונטער וועלוועלע׳ן, איז ערשט פינף יאָהר אַלט געווען און איז נאָך אפילו אין חדר נישט געגאַנגען.

איהר האַרץ האָט איהר זעהר געפּיינט פאַרוואָס זי קען נישט נאָכגעבען וועלוועלע׳ן זיין פאַרלאַנג. זי האָט געפּרובט איינרעדען און איינשמועסען און דערצעהלען איהם מעשות, וואָס פאַר אַ גוטע זאַכען זי וועט עס אָנגרייטען אויף יום־טוב.

— דו וועסט זעהען, וועלוועלע, מיר וועלען לאָזען קוילען אַן עוף און איך וועל דיר געבען דעם פּופּעק, דעם לעבעריל און איינעם פון די פליגעלאך — האָט איהם די מאַמע צוגעזאָגט מיט שמייכלענדיגע אויגען.

— פאַרוואָס נישט ביידע פליגעלאַך? — האָט שוין וועלוועלע, פאַרגעסענדיג זיך אויף אַ ווײלע זיינע צרות, געפרעגט.

— פאַר יודעלע׳ן אויך אַ פליגעלע, טייערער זוהנעלע, זאָל ער א ו י ך וויסען פון אַ יום־טוב.“

וועלוועלע איז שוין געגאַנגען שלאָפען מיט אַ לייכטערען האַרצען, אָבער אין ח ל ו ם האָט זיך דאָס היטעלע צוריק באוויזען צו איהם מיט איהר גאַנצער פּראַכט. דער זיידענער גלאַנצענדיגער קנאָפּ אין דעם רעכטען מיטען פון דעם היטעל, דער רויטער געדרעהטער שנור, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזען מיט צוויי גרויסע רויטע טראָלזען, דער מיט סאַמעט בעזוימטער דאַשעק — דאָס אַלין האָט וועלוועלע׳ן אויס געקוקט אין חלום נאָך שעהנער. עס האָבען זיך אין מיטען אויך אַריינגעמישט די פליגעלאך פון עוף, דער פּופּעק און דאָס לעבערעל מיט די גאָלדענע יויך, אָבער יעדעס מאָל איז צוריק דאָס היטעלע אַרויפגעשוואומען, מיט די רויטע טראָלזען און סאַמעט געזוימטען דאַשעק.

---

ווען וועלוועלע האָט זיך אויף מאָרגען אין דער פריה אויפגעכאַפּט איז דער ערשטער געדאַנק וואָס עס איז איהם געקומען אין קאָפּ געווען דאָס היטעלע. נאָך איידער ער האָט אָבער צייט געהאַט צו פאַנאַנדערריבען די אויגען האָט ער דערהערט דער מאַמעס פאַרצווייפעלטע קולות: וועה און ווינד איז מיר! זיי האָבען זיך דאָך אין קאָטוך צו־נהרג׳ט! צובראָכענע פליגלען! אויסגעריסענע פעדערן! מ׳וועט דאָך מיר אַ ר ו י ס ו ו אַ ר פ ע ן מיט אַזעלכע צוקאַליעטשעטע עופות!

וועלוועלע האָט מעהר נישט געהערט. די מאַמע איז אַרויסגעלאָפען פון שטוב מיט די האַרצברעכענדע קולות. פאַרשטאַנען האָט ער, אַז דער אומגליק איז ג ר ו י ס, אַז די עופות, וואָס די מאַמע האָט צוזאַמענגעקויפט, האָבען זיך צושלאָגען און אָנגעמאַכט אַ גאַנצען חורבן. אָבער דער געדאַנק וועגען זיין היטעלע האָט צוריק איינגעטונקט מיט פרייד זיין הערצעלע און ער האָט באַלד פאַרגעסען וועגען זיין מאַמעס אומגליק.

ערשט שפּעט, נאָך מיטאָג, האָט ער זיך דערוואוסט די גאַנצע געשיכטע. דער שכן האָט עס איהם אויסגעטייטשט ווי אַזוי עס האָט פּאַסירט: די מאַמע האָט עס באהאַלטען דאָס היטעלע אין קאָטוך. אַן עוף האָט עס געמוזט מסתמא נעמען וואַרפען — די טראָלזען זיינען געווען רויטע — די ענדיקעס האָבען עס מסתמא דערזעהן — איינער אויפ׳ן אַנדערין אַרויף — און ס׳איז געוואָרען אַן אמת׳ע מלחמה.

אין אָוונד, ווען וועלוועלע׳ס מאַמע איז געלעגען אויף איהר געלעגער און געכליפּט: מיינע עופות... מיין גאַנצער מאַיאָנטעק... — האָט אויך וועלוועלע צוגעכליפּעט: מיין נייע היטעלע... מיין יום־טוב׳דיג היטעלע... — די עופות האָבען אין דער מלחמה צוטראָטען דאָס נייע היטעלע און געמאַכט דערפון אַ שמאַטע...

---

ב ע ז י מ ע ר זיינען טייערער געוואָרען. וואָס איז דער וואונדער? עס איז דאָך אַזאַ נאָכפראַגע נאָך אויסקעהרען דעם גאַנצען אָנגעוואָרפענעם שמוץ פון די צושמעטערטע טראָהנען און פון די צושטויסענע מאָנומענטען.

* * *

עס ווענדעט זיך אַן איהר איצט, ליעבער פריינד, צי די זיבעציג טויזענד מעמבערס אין אַ. ר. אַז דיער דעמאָקראַטישער רעזאָלוציאָן זאָל ווערען אַ ווירקליכקייט, אָדער זי זאָל בלייבען נאָר אַ שעהנע פאַנטאַזיע.

* * *

עס איז געקומען אַ צייט ווען די קעפּ זיינען נישט זיכער מיט זייערע קרוינען און די קרוינען זיינען נישט זיכער מיט זייערע קעפּ.

* * *

„די ערד דרעהט זיך דאָך!“ — האָט גאַלילעי אין פּאַמהאַס אויסגעשריען. עס ווילט זיך צוגעבען: און ווי שיבעלנע שנעל!

אַז די דייטשע אַרבייטער האָבען שוין אָנגעהויבען צו „שפּרעכען רוסיש“, לאָמיר האָפען, אַז גאָר אין גיכען וועלען אונזערע אַמעריקאַנער אַרבייטער אָנהויבען צו רעדען ע נ ג ל י ש...

* * *

ש ל ו ם. דיעזע פיער אותיות זיינען די פיער גרונד־זיילען פון דער וועלט.

* * *

גוט איז, וואָס ווילהעלם האָט איינגעשטאַנען זיין קרוין. נאָך בעסער איז, וואָס ער האָט איהר מיטגענומען מיט זיך.

* * *

דירלעבט: דער זאָטעל־מאַכער (עבערט) זאָל מאַקע רייטען אויפ׳ן יאַטעל. מיר זיינען דאַריבער נאָך זיכערער ווי ווען עס איז פריהער, אַז סוף כל סוף וועט דער שניידער און שוסטער אויך נישט געהן באָרוועס און נאַקעט.

# די פיזישע ערציהונג פון קינד

(פּראַקטישע עצות ווי צו היטען דעם קינד'ס געזונד)

פון ה. ג. סאלוצקי

## די באָד.

א געזונד קינד דאַרף באקומען א וואַנע יעדען טאָג. די בעסטע צייט פאַר דער וואַנע איז פאַרנאַכט איידער מען לעגט דאָס שלאָפען. דאַן איז ניט נויטיג צו רעכענען זיך מיט דעם וועטער, מען קען דאָס קינד האַלטען א גאַנצען טאָג אין גאַס, אונגעשטערט. זומער קען מען דאָס באָדען בייטאָג, און מען מעג דאָס גלייך נאָך דער באָד אַרויסנעהמען אין דרויסען. די אַנדערע צייטען פון יאָהר אָבער, ווען עס איז ניט גאַנץ וואַרעם, מוז מען וואַרטען אַ צוויי שעה נאָך דעם באָדען איידער מען קען דאָס אַרויסנעהמען. מען דאַרף דאָס קינד ניט באָדען גלייך נאָך דעם עסען, מען זאָל וועניגסטענס וואַרטען אַ שעה צייט.

די טעמפּעראַטור פון דער וואַנע דאַרף זיין די ערשטע פּאָר וואָכען 100 גראַד פּאַהרענהייט, דערנאָך ביז זעקס מאָ־נאַטען 98, נאָך זעקס מאָנאַטען ביז'ן יאָהר 95, און דורך דעם צווייטען יאָהר פון 85 ביז 90 גראַד.

דאָס זיכערסטע מיטעל צו מעסטען די טעמפּעראַטור פון דער וואַסער איז צו נוצען אַ באָד־טערמאָמעטאָר. אויב אָבער אַזאַ איז ניט פאַראַן, קען די מוטער פּרובירען די היץ מיט איהר עלענבויגען. אויב עס פיהלט זיך באקוועם וואַרעם, ניט הייס, וועט דאָס זיין פּונקט גוט פאַר דעם קינד.

אין צימער דאַרף געוועהנליך זיין וואַרעם בשעת דאָס קינד קריגט זיין וואַנע, אָבער ניט צו הייס, אום דאָס קינד זאָל ניט פאַרשוויצט ווערען און דעריבער זיין אין געפאַהר צו פאַרקיהלען זיך ווען מען ברענגט דאָס נאכהער אריין אין א קיהלערען צימער.

דאָס גאָר יונגע קינד מוז זיין וואַנע באקומען שנעל, אום ניט צו זיין קיין איבריגע צייט נאַקעט און נאַס, ווייל דאָס פריהרט שנעל. צוערשט וואַשט מען אויס דאָס קעפּעלע מיט דעם געזיכטעל, נוצענדיג א ווייכען לאַפּען און גאָר א קליין ביסעל זייף. דאָס קערפּערעל האַלט מען בשעת מעשה איינ־געוויקעלט, עס זאָל איהם ניט זיין קאַלט. מען ווישט טרוקען אויס דאָס קעפּעל מיט דעם געזיכטעל און דאַן לעגט מען דאָס אַריין אין וואַנע אונטערהאַלטענדיג דאָס קעפּעל מיט איין האַנד און מיט דער צווייטער וואַשט מען און מען זייפט שנעל אויס דאָס לייב און מען וויקעלט דאָס איין אין א ווייכען וואַרעמען האַנדטוך אָדער דעקעל. מען מוז דאָס גאַנץ טרוקען אויסווישען, באַזונדערס אין די קנייטשען, צווישען די פיסלעך, אונטער די אָרעמס און אויפ'ן העלזעל, אום די הויט זאָל ניט ענטצינדעט ווערען. אויב דאָס לייב איז גאַנץ טרוקען אויסגעווישט דאַרף מען גאָר קיין פּאודער ניט נוצען. וויל מען דאָס אָבער יאָ נוצען, זאָל מען נור געברויכען אַ קליין ביסעלע אין די קנייטשען. צופיעל פּאודער פאַרשטאָפּט די שוייס־לעכעלעך און איז דערי־בער ניט געזונד.

די בעסטע פּאודער פאַר דעם קינד איז טאַלקום.

די זייף דאַרף זיין ניט קיין שמעקיגע, ווייל די פּאַרפיו־מירטע זייפען ענטהאַלטען אין זיך כעמישע שטאָפען, וועלכע זיינען שעדליך פאַר דעם יונגען צאַרטען לייב.

מען דאַרף צוויי וואַש־לאַפּענס, איינעס פאַר דעם געזיכטעל און איינעס פאַר דעם אונטערשטען טייל פון לייב. דאָס בעסטע איז צו נוצען ווייכע לייווענדענע לאַפּענס, וועלכע עס איז גרינג צו האַלטען ריין. א שוואָם איז ניט ראַטזאַם, ווייל עס קען זיך איינוועניג אָנקלייבען שמוץ, און עס איז איהם שווער אַרויס־צוקריגען.

מען דאַרף זיין שטאַרק געהיט עס זאָל קיין זייף ניט אַריין אין די אויגען.

פיעלע וואַשען דעם קינדס מויל. דאָס איז אָבער גאָר ניט נויטיג. דאָס שפּייעכץ דיסינפעקצירט און האַלט ריין דאָס מויל. וואַשען איז ערשט נויטיג ווען דאָס קינד באקומט זיינע צייהנער און דאָס עסט שוין אַזעלכע שפּייז וואָס קלייבט זיך אָן און בלייבט ליגען אין די צייהנער. ווען דאָס קינד איז נאָך גאָר יונג און צאַרט איז גלייכער וואָס וועניגער צוצוריהרען זיך צו די אינעווייניגסטע געוועב פון זיין מויל, אום דאָס ניט צו שעדיגען.

די אויערען דאַרף מען פון אויבען אויסוואַשען מיט א ווייכען לאַפּען. מען דאַרף זיך אָבער היטען עס זאָל אינעווייניג קיין וואַסער ניט אַריין. אויך דאַרף מען ניט שטופּען קיין האַרטע זאַך אין אויער אַריין אום איהם צו רייניגען.

די נאָז דאַרף מען וואַשען אויף דעם זעלבען אופן ווי די אויערען.

די געשלעכטליכע אָרגאַנען דאַרף מען האַלטען באַזונדערס ריין; מען מוז אָבער זעהן זיי וואַשען אזוי, אַז דער מוטערס האַנד זאָל זיך וואָס וועניגער אָנריהרען אָן זיי.

אויסער דער וואַנע דאַרף מען דאָס קינד ריין אַרומוואַשען יעדעס מאָל וואָס עס ריכט זיך איין.

---

## שלאָף.

דאָס ערשטע יאָהר פון זיין לעבען מוז דאָס קינד האָבען זעהר פיעל רוה. דער מאַרך וואַקסט דאָס ערשטע יאָהר מעהר ווי דורך דעם גאַנצען לעבען פון מענשען. אויך וואַקסען דאַן זעהר שנעל אַלע איבריגע אברים פון קינד'ס קערפּער. דאָס קינד דאַרף דעריבער זעהר א סך ענערגיע. אָט דיעזע ענערגיע ווערט אָנגעזאַמעלט ווען דאָס קינד שלאָפט.

מען מוז זעהן געבען דעם קינד די בעסטע באַדינגונגען צום שלאָפען, אַזוי אַז עס זאָל פון גאָרניט זיין געשטערט. בייטאָג זאָל דאָס קינד שלאָפען אין א קאַרעטקע אין גאַס. דערביי דאַרף מען זעהן עס זאָל זיין גוט איינגעדעקט ווען עס איז קאַלט. דער ווינד זאָל ניט בלאָזען אין געזיכט, און די זון זאָל ניט שיינען אין די אויגען אַריין. ווען עס שנייט אָדער עס רעגענט און מען קען דאָס קינד ניט אַרויסנעהמען, איז גוט אָנצוטאָן דאָס ווי פאַר דער גאַס, דאָס איינדעקען און אַוועקשטעלען דאָס בעטעל ניט ווייט פון אָפענע פענסטער. אַלע פענסטער אין צימער זאָלען זיין איינגאַנצען אָפען.

ביינאַכט איז די בעסטע זאַך דאָס קינד זאָל שלאָפען אַליין אין א צימער. אויב מען קען דאָס ניט אויספיהרען, דאַרף מען זעהן דאָס זאָל שלאָפען אַליין אין א בעטעל. בשום אופן ניט מיט דער מוטער אָדער מיט אַן עלטער קינד אין איין בעט. ערשטענס פּאַסירט אַמאָל אַז אַ פּיצאַלע קינד ווערט דערשטיקט פון אַן ערוואַקסענעם אין שלאָף. צווייטענס, איז זעהר אומגעזונד פאַר דעם קינד צו אָטעמען די לופט וואָס זיין שלאָף־קאָמפּאַניאָן אָטעמט אַרויס. אויב די מוטער גיט דעם קינד זויגען ביינאַכט, דאַרף זי זיך אויפזעצען און האַלטען דאָס קינד אויף איהר שויס. ערשט ווען זי לעגט דאָס קינד צוריק אַנידער אין זיין בעטעל, זאָל זי זיך צוריק לעגען שלאָפען. ווי שלעפערדיג די מוטער זאָל ניט זיין, מוז זי זיך ניט פאַר־געסען און זיך ניט צולעגען מיט דעם קינד ביי דער ברוסט. ניט נור פאַרמיידט זי דערמיט דאָס געפאַהר פאַר דעם קינד'ס געזונד און אַמאָל פאַר זיין לעבען, גאָר דאָס קינד קריגט אויך ניט די שלעכטע געוואוינהייט צו שלאָפען מיט דער מוטער אין איין בעט, וועלכעס שטערט ביידען אין זייער רוה.

(פאָרזעצונג פאָלגט)

---

ניטאָ אוין קייזער האָט שוין יעצט חרטה אויפ'ן גאַנצען עסק. סוף כל סוף איז די מלחמה אַ שטעקען מיט צוויי עקען.

די שפּיצען פון די אַלפּען אין דער שווייץ האָבען אזוי **לאַנג** געגליהט, ביז זיי האָבען זיך צופלאַקערט.

# זיצונגען פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע א. ר.

דער רעגולער מאָנאַטליכער מיטינג פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע פון ארבייטער רינג ווערט ערעפענט זונטאג, דעם 6טען אָקטאָבער, אום 10 אוהר פריה, פון טשערמאַן, פריינד אב. עפּשטיין.

## צושריפטען.

פון די אַ. ר. ברענטשעס אין עליזאַבעטה, נ. דזש. — ערקלערען, אַז זיי האָבען אַראַנזשירט אַ קאָנצערט און באַנקעט אויף דעם 3טען אָקטאָבער פאַר דעם צוועק צו שאַפען אַ פאָנד פאַר אַן אייגענע היים.— בעטען צו שיקען צוויי פּאַרטרעטער. באשלאָסען באוויליגען. ערוועהלט פריינרע וואָלאָס און יודיטש.

פון בר. 275 — פרעגען צי געוועזענע מעמבערס פון אַ. ר., וואָס ווילען זיך יעצט באַנוצען מיט׳ן מאַניפעסט און ווילען צוריק אַריינקומען אין אַרבייטער רינג, ווערען אַריינגענומען בלויז אין 4טען קלאַס אָדער אין אירגענד וועלכען קלאַס. באשלאָסען זיי ענטפערען, אַז דיעזע ווערען אַריינגענומען אַלס נייע מעמבערס און פאָלגליך קענען זיי אַריינקומען אויף די זעלבע באַדינגונגען ווי אַלע אַנדערע מיטגליעדער.

בר. 275 פרעגט אויך אָן, אויף וועלכען גרונד מיר האָבען געפאַסט אַ באשלוס צו מאַכען אַן אויסנאַהם מיט פאַרהייראַטע קאַנדידאַטען, וועלכע עס ווערט געגעבען די פּריווילעגיע אַריינצוקומען אין אירגענד וועלכען קלאַס, אויב זיי שליסען זיך אָן מיט זייערע פרויען. — באשלאָסען זיי ענטפערען, אַז די עקזעקוטיוו האָט גענומען אין אנבאַטראַכט די פראַגע וועגען אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבייט, אין דער צייט, ווען מען האָט זיך געדאַרפט צופּאַסען צום נייעם דרעפט געזעץ, ווייל דורך דעם באשלוס האָט דער אַ. ר. אַ ברייטערע מעגליכקייט צוצוציהען אַ גרעסערע צאָהל נייע מיטגליעדער. ס׳איז אויך אויסגערעכענט געוואָרען, אַז אויב אפילו דער דרעפט געזעץ זאָל שפּעטער עטוואָס געענדערט ווערען און מאַנכע פון די פאַרהייראַטע זאָלען גערופען ווערען אין דער אַרמעע און אַ באַשטימטער פּראָצענט פון זיי זאָל זאָגאַר פאַלען אַלס קרבנות אין דער מלחמה, וועט דאָס אויך ניט קענען ענדערען דעם צושטאַנד פון אונזערע פאָנדס. אויסער דעם, אויב דער באשלוס זאָל געוועזען געפּאַסט ווערען אַריינצונעהמען אַלע נייע מיטגליעדער אין 4טען קלאַס, וואָלט דאָס אונטער די יעצטיגע אומשטענדען, ווען די דרעפט עלטער איז פון 18 ביז 45 יאָהר און אונזערע נייע מעמבערס ווערען אויך אַריינגענומען אין זעלבער עלטער, פּאַקטיש געהייסען אָפּשאַפען אַלע קלאַסען, אויסער קלאַס 4.

## באריכט פון ליגעל קאָמיטע.

פריינד פריימאַן, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באריכטעט, אַז אויסער די טשאַרטערס פון מעין און פלאָרידא, האָבען מיר שוין ערהאַלטען טשאַרטערס פון די סטייטס לואיזיאנא, אלאבאמא און קאָלאָראַדא.

דער אָפיס שטעהט אין פאַרבינדונג מיט די קאָמישיאָנערס אוו אינשורענס פון די אַנדערע סטייטס, וואו מיר דאַרפען קריגען טשאַרטערס. די אַרבייט וועגען מאַכען לעגאַל דעם אַ. ר. איבעראַל ווערט בסדר אָנגעפיהרט. ער ערקלערט, אַז די לעגאַל קאָמיטע ערוואַרטעט, דאָס מיר וועלען אין גיכען קריגען נאָך איניגע טשאַרטערס. — באריכט ווערט גוטגעהייסען.

## סעקרעטער׳ס רעפּאָרט.

פריינד י. באַסקין, דזשענעראַל סעקרעטער, באריכטעט, אַז דער קאָמישאָנער אוו אינשורענס פון מישיגען סטייט האָט צוגעשיקט געוויסע פּאַפּיערען אויסצופילען און ס׳איז יעצט דאָ האָפנונגען, אַז מיר וועלען אין גיכען קריגען אַ טשאַרטער אין יענעם סטייט.

אין אָפיס איז יעצט דאָ איבער $3,200 פאַר׳ן סאָציאַליסטישען קאַמפּיין. אויב מיר וועלען ניט קריגען די גאַנצע $10,000, וואָס דער אַרבייטער רינג האָט פאַרשפּראָכען צו שאַפען פאַר דעם צוועק, וועט דאָס זיין דערפאַר, ווייל פיעלע ברענטשעס ביישטייערען סומען פאַר פאַרשיעדענע לאָקאַלע קאַמפּיין קאָמיטעס.

די צאָהל געשטראָכענע מעמבערס פון לעצטען קוואַרטאַל איז כמעט אַ נאָרמאַלע.

פר. באַסקין דיוטעט אָן, אַז די נייִשאָנאַל באָארד אוו דירעקטאָרען האָט רעקאָמענדירט צו האָבען דירעקטאָרען פון אַלע סטייטס, וואו ס׳זיינען דאָ פינף אָדער מעהר אַ. ר. ברענטשעס. — עס ווערט באשלאָסען צו האַנדלען וועגען דעם ביי איינעם פון די נעקסטע מיטינגען.

דער נייִשאָנאַל אָפיס פון דער ס. פּ. בעט צו אונטערשטיצן אַן אַפּיעל צו שאַפען אַ פּאַרטיידיגונגס־פאָנד פאַר שיפּלאַקאָף׳ן. — באשלאָסען אָפּוואַרטען וועגען דעם ביז איבער עלעקשאָן.

ער גיט אָן פאָלגענדע בודזשעטען פאַר׳ן מאָנאַט אָקטאָבער:

אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע — — — — — $300.00
עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע — — — — — 200.00
„פריינד“ פאָנד — — — — — — — 1000.00
סאַניטאַריום קאָמיטע — — — — — — ,000.00
אַדמיניסטריישאַן פאָנד — — — — — ,000.00

סעקרעטערס רעפּאָרט ווערט גוטגעהייסען.

## קאָנוועגשאַן קאָמיטע.

עס ווערט באשלאָסען צו ערוועהלען אַ קאָנוועגשאַן קאָמיטע פון זיעבען. פאָלגענדע וועררען ערוועהלט: אב. עפּשטיין, ס. וואָלאָס, מ. דייווידאָף, מ. וואָלבערג, א. אַדלער, מ. וויינבלאַט און שפּינראַד.

## קאָמיטעס.

פון בר. 7 — וועגען אַ געוויסען מעמבער זייערען, וועלכער איז בלויז 7 מאָנאַטען אין אַ. ר. און איז קראַנק אויף קאָנסאמפּשאַן. זיי בעטען, אַז מען זאָל דעם באַטרעפענדען ערלויבען אַריינגענומען צו ווערען אַלס באַצאָהלטען פּאַציענט אין אונזער סאַניטאַריום. — דער טשערמאַן, פר. עפּשטיין, ענטפערט דער קאָמיטע, אַז לויט דעם קאָנוועגשאַן רעפערענדום קענען אַלס באַצאָהלטע פּאַציענטען אַריינגענומען ווערען בלויז פרויען און קינדער פון מעמבערס.

פון בר. 225 — מרס. פעני גאַרדאַן, בענעפישערי פון סעם ראַפּאָפּאָרט, פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל אויסצאָהלען די אינטערעס פאַר די צוויי יאָהר צייט, ביז די גאַרדיענשיפּ פּאַפּיערען זיינען פון די יורשים צוגעשטעלט געוואָרען. — דער טשערמאַן ערקלערט דער באַטרעפענדער, אַז לויט דעם ראַטה פון אונזער ליגעל אַדווייזער איז דאָס ניט געזעצליך אויסצוצאָהלען פּראָצענט פון טויטען־בענעפיט פאַר דער צייט, איידער ס׳זיינען צוגעשטעלט געוואָרען אין אָפיס אַלע נויטיגע פּאַפּיערען וועגען דער קיים.

פון סאָצ. פּאַרטיי קאַמפּיין קאָמיטע אין 14טען קאָנגרעשאָנאַל און סענאַטאָריעל דיסטריקט — גענ. ס. פּ. קרעמער ערקלערט, אַז אין דעם דיסטריקט זיינען דאָ גוטע אויסזיכטען פאַר דער פּאַרטיי אין קומענדען עלעקשאָן. עס פעהלען אָבער אויס מיטער און זיי בעטען צו ערלויבען פריינד פ. גליעבטער, רעקאָרדינג סעקרעטער, אָפּצוגעבען זיך אַ מאָנאַט צייט מיט דער קאַמפּיין אַרבייט אין יענעם דיסטריקט. — עס ווערט באשלאָסען זיי ענטפערען, דאָס אַזוי־ווי דער אַ. ר. פאַנגט דיעזען מאָנאַט אָן זיין מעמבערשיפּ קאַמפּיין און מיר וועלען זיך אַליין נויטיגען אין וואָס מעהר קרעפטען פאַר דער אַרבייט, קענען מיר זייער פאַרלאַנג ניט באוויליגען.

פון בר. 500 — לאַדען איין די נאַצ. עקזעקוטיוו צו זיין פאַרטראָטען ביי זייער 5טען יעהרליכען יובילעאום, וואָס וועט געפייערט ווערען דעם 16טען נאָוועמבער. — באשלאָסען ערוועהלען אַ פאַרטרעטער ביים נעקסטען מאָנאַטליכען מיטינג.

פון די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען — גענ. מאַקס פּיין ערקלערט, אַז אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם 30־יעהריגען יובילעאום פון דער קערפּערשאַפט איז ער געשיקט געוואָרען וועגען פאָלגענדעס: 1) איינצולאַדען די גאַנצע נאַצ. עקזעקוטיוו פון אַ. ר. צו זיין פאַרטראָטען ביי זייער יובילעאום. 2) בעטען, אַז מיר זאָלען אַפּעלירען צו אונזערע ברענטשעס צו אונטערשטיצען זייער פייערונג. 3) צו פאַרלאַנגען, דאָס ס׳זאָל באוויליגט ווערען אַ פּיידזש אַדווערטייזמענטס אין דעם זשורנאַל, וואָס זיי גיבען אַרויס לכבוד דעם יובילעאום. — עס ווערט באשלאָסען צו באוויליגען זייער פאַרלאַנג, און אין דער פּיידזש, וואָס מיר וועלען האָבען אין זייער זשורנאַל, זאָל אַריינגעגעבען ווערען אַ באַגריסונג צו זייער יובילעאום.

פון בר. 256 — בעטען צו שיקען אַ פאַרטרעטער צו זייערס אַ ראַטיפיקיישאַן מיטינג, דעם 11טען אָקטאָבער, אויב מעגליך זאָל פר. באַסקין זיין דער פאַרטרעטער. זיי דענקען ביי דעם מיטינג צו שאַפען אַ געוויסע סומע פאַר דעם מעמבערשיפּ קאַמפּיין. — באשלאָסען זייער פאַרלאַנג צו באוויליגען. פר. באַסקין ווערט ערוועהלט צו זיין דאָרט פאַרטראָטען.

## רעפּאָרט פון דער גריוועגס קאָמיטע.

פריינד וויינבלאַט, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באריכטעט, אַז אַ געוויסער מעמבער האָט אַפּעלירט געגען באשלוס פון ברענטש איבערצוגעבען די סעמעטערי, וואָס זיי האָבען געהאַט אַלס סאָסייעטי, צו 110 מעמבערס. דער באשלוס איז געווען, אַז אַלע מעמבערס וואָס האָבען ביז 1912 ניט אויסגעצאָהלט די גאַנצע דריי דאלאר פאַר סעמעטערי און אויך די נייע מיטגליעדער וואָס וועלען אַריינגענומען ווערען נאָך דער צייט זאָלען באַלאַנגען צו דער דזשענעראַל סעמעטערי פון אַ. ר. אָפיס. דער אַפּעלאַנט האָט גע׳טענה׳ט, אַז דיעזע סעמעטערי באַלאַנגט צום גאַנצען ברענטש און ס׳האָט דארום ניט געקענט באַ־

שטימט ווערען זי אוועקצוגעבען צו א טייל מעמבערס.

די פארטרעטער פון ברענטש האבען ערקלערט, אז די 110 מעמבערס האבען די סעמעטערי אויסגעצאהלט, די איבריגע מיטגליעדער האבען צו דער סעמעטערי גאר ניט בייגעשטייערט, פאלגליך זיינען בלויז די 110 מעמבערס בארעכטיגט.

די גריוועגס קאמיטע האט באשלאסען צו ענטפערען, אז די נאצ. עקזעקוטיוו אנערקענט אין פרינציפ, דאס יעדער אייגענטום פון ברענטש. סעמעטערי אויך איינגעשלאסען, באלאנגט צו דער גאנצער מיטגליעדערשאפט פון ברענטש. אין דעם פאל האבען די 110 מעמבערס די פריווילעגיע אויף דער סעמעטערי, אבוואהל עס ווערט אנערקענט, אז די סעמעטערי איז דאס אייגענטום פון ברענטש, וועלכער האט אפילו א רעכט צו באוויליגען נייע מעמבערס צו באלאנגען צו דער סעמעטערי, אויב יענע מאכען די נויטיגע איינצאהלונגען.

פר. וויינבלאט גיט איבער וועגען נאך איניגע קייסעס, איבער וועלכע דער קאמיטע איז אויסגעקומען צו האנדלען אין פארלויף פון מאנאט, און דער רעפארט ווערט גוטגעהייסען.

## רעפארט פון דער בענעפיט קאמיטע.

פריינד ל. ראטהמאן, טשערמאן פון דער קאמיטע, באריכטעט, אז זיי האבען געהאט א דזשאינט מיטינג מיט דער מעדיקאל אדווייזארי באארד, וואו עס זיינען געוועזן פארטראטען די דאקטוירים האלפערן, מעריסאן, קלימענקא, קאספע, הוימאוויץ, נעלסאן און פעני דעמבא.

ס'איז פארהאנדעלט געווארען די פראגע וועגען אנשליסען זיך אלס מעמבערס אין געוויסע האספיטאלס, לויט דעם באשלוס פון דער 18טער קאנווענשאן.

די בענעפיט קאמיטע האט באשטימט אנצונעהמען די רעקאמענדיישאן פון דער מעדיקאל אדוויזערי באארד אנצושליסען זיך אין ניו יארק אלס מעמבערס אין פאלגענדע האספיטאלס: בית ישראל, מאנטעפיאר האספיטאל און לבנון האספיטאל. וואס אנבעלאנגט ברוקלין און אנדערע שטעדט איז ערוועהלט געווארען א קאמיטע פון צוויי, באשטעהענד פון די דאקטוירים האלפערן און קלימענקא, אויסצוארבייטען א רעקאמענדיישאן און באריכטען צום נעקסטען מיטינג.

די פראגע ווערט דעבאטירט. מאנכע עקזעקוטיוו מיטגליעדער זיינען מיט דער מיינונג, אז אין די האספיטאלס, וואו מיר וועלען זיין מעמבערס, וועט אונמעגליך זיין צו קריגען פארצוג פאר אונזערע קראנקע אריינגענומען צו ווערען. ווען אבער מיר וועלען זיין מעמבערס בלויז אין איניגע האספיטאלס, וועלען די איבריגע אידישע האספיטאלס, וואו אונזערע מיטגליעדער ווערען פון צייט צו צייט אריינגענומען, קוקען פוליובט מיט אונצופריעדענהייט אויפ'ן ארבייטער רינג. די פראגע וועגען באוויליגען עטליכע טויזענד דאלאר פאר האספיטאלס קען אויף אזא אופן גאר ברענגען שאדען אנשטאט ניצען.

אנדערע עקזעקוטיוו מיטגליעדער זיינען מיט דער מיינונג, אז עס וואלט געוועזן ראטזאם צו באוויליגען א געוויסע סומע פאר אלע ניו־יארקער אידישע האספיטאלס און דיעזע סומע איבערגעבען צו דער פעדערייש אן פון אידישע טשאריטיס מיט דער פארשטענדניס, אז די געלדער זאלען איינגעטיילט ווערען פראפארציאנעל צווישען אלע.

עס ווערט באשלאסען איבערגעבען די פראגע נאך אמאל צו דער בענעפיט קאמיטע, אז זיי זאלען אויסארבייטען א דייטליכען רעפארט

## רעפארט פון דער ארגאניזאציאנס קאמיטע.

פריינד אב. עפשטיין באריכטעט, אז בר. 255 האט זיך פאראייניגט מיט בר. 96. אויך האט זיך פאראייניגט בר. 171 מיט בר. 501.

בר. 212, נארפאלק, ווירדזשיניא, האט געלאזט וויסען, אז זיי האבען אפגעלעגט זייער יובילעאום, וואס האט געזאלט געפייערט ווערען דעם 1טען סעפטעמבער. ס'איז געוועזן דער סענטימענט פון דער עקז., אז די נאצ. ארג. קאמיטע זאל דאן שיקען אהין א פארטרעטער.

מאנכע דיסטריקט קאמיטעס האבען זיך גענומען פאר דער ארבייט פון מעמבערשיפ קאמפיין. באזונדערס האבען זיך צוגעגרייט פאר דער ארבייט די באלטימאר, נוארק און באפאלא דיסטריקט קאמיטעס.

פריינד בענענסאן, דירעקטאר פון אילינאי סטייט, איז געפאהרען אין סט. לואיס וועגען פערזענליכע אנגעלעגענהייטען און אוידער ער איז געפאהרען האט ער געלאזט וויסען וועגען דעם די נאצ. ארג. קאמיטע. זייענדיג דארט האט ער געהאט א מיטינג מיט דער סיטי קאמיטע און זיך דורכגערעדט מיט זיי וועגען ווייטערדיגער ארגאניזאציאנס־ארבייט. די נאצ. ארג. קאמיטע דריקט אויס א דאנק צו פר. בענענסאן פאר זיין איבערגעבענהייט צו די אינטערעסען פון א. ר.

די נייע אידישע ליפלעטס זיינען שוין דא אין אפיס און ווערען פאנאנדערגעשיקט צו די סיטי און דיסטריקט קאמיטעס. דער ענגלישער ליפלעט איז יעצט אין דרוק.

אין א געוויסען ברענטש אין ניו דזשוירזי קומען פאר רייסעריען צוליעב עטליכע מעמבערס און ביי א טייל מיטגליעדער איז יעצט דא א פארלאנג זיך אפצוטיילען און גרינדען א נייעם ברענטש. די נאצ ארג. קאמיטע, זייענדיג באקאנט מיט דעם סכסוך, האט באשלאסען, אז אויב זיי וועלען קריגען 25 נייע מעמבערס, זאל מען זיי ערלויבען גרינדען א צווייטען ברענטש.

פריינד וואלאס איז געוועזן פארטראטען אין פראווידענס ביי דער דיסטריקט קאנפערענץ. ער האט אויך אדרעסירט דארט א מעמבערשיפ מיטינג, וועלכער איז געוועזן גוט באזוכט. ער האט געמאכט אן אפיעל פאר'ן סאציאליסטישען קאמפיין און ס'איז קאלעקטירט געווארען 43 דאלאר. זיי האבען פארשפראכען צו שאפען 200 דאלאר פארן סאציאליסטישען קאמפיין. ביי דער דיסטריקט קאנפערענץ זיינען אלע ברענטשעס פון דיסטריקט געוועזן פארטראטען. א נייע דיסטריקט קאמיטע איז ערוועהלט געווארען, וועלכע וועט האבען צו דריי פארטרעטער פון יעדען ברענטש. אויך איז ערוועהלט געווארען א באזונדערע עדיוקיישאנאל קאמיטע פון 5.

בר. 317, פארטלאנד, מעין, האט געשריבען, אז ביי זיי איז געוועזן א גרויסע שמחה, ווען זיי האבען געהערט, אז מיר האבען געקראגען א טשארטער אין זייער סטייט. די נאצ. ארג. קאמיטע האט באשלאסען צו ארראנזשירען א טשארטער פעסט אין פארטלאנד און איינלאדען אהין דעלעגאטען פון אלע ברענטשעס פון מעין סטייט.

פר. וואלאוויץ איז געוועזן ביי בר. 116. די מיטינגען ווערען ביי זיי שוואך באזוכט. ער האט זיי רעקאמענדירט איינצופיהרען א שטראף פאר ניט באזוכען די מיטינגען. דער ברענטש האט פארשפראכען צו טון גוטע ארבייט.

ער (עפשטיין) איז זונטאג, דעם 29טען סעפטעמבער, געוועזן פארטראטען ביי בר. 828, בינגהאמפטאן, נ. ר., און אדרעסירט זייער מיטינג. ביי דיעזען מיטינג זיינען אנוועזענד געוועזן ניט בלויז די מעמבערס מיט זייערע פאמיליען, נאר אויך פיעלע אויטסיידער. דער ברענטש איז א טעטיגער, און זיי וועלען געוויס טון ארבייט אין דער צייט פון אונזער מעמבערשיפ קאמפיין.

פר. י. ב. ביילין, סעק. פון דער עדיוק. קאמיטע און רעדאקטאר פון „פריינד", איז געוועזן פארטראטען ביי בר. 15, הארטפארד, צו זייער 18־יעהריגען יובילעאום. זיי האבען יענעם אווענד אריינגענומען עטליכע פערציג נייע מעמבערס.

באריכט פון ארג. קאמיטע ווערט גוטגעהייסען.

## רעפארט פון סאניטאריום קאמיטע.

פריינד אדלער ערקלערט, אז דער טשערמאן פד. גוסקין איז אויסער ניו יארק. ער גיט איבער פאלגענדען באריכט: די ארכיטעקטען גילעס און גילעס האבען מיט א צייט צוריק צוגעשיקט אן עסטימייט פאר דער ארבייט פון דער קיטשען עקסטענשאן צוזאמען מיט א סערטיפייד טשעק אויף 100 דאלאר אלס דעפאזיט דאס זיי וועלען האלטען דעם אגרימענט. דער טשעק איז פארלארען געגאנגען און די פירמע מאהנט פון אונז די 100 דאלאר. א פארטרעטער פון דער סאניטאריום קאמיטע איז געוועזן אין די ביינק, וואו די אוניבענדערמאנטע פירמע איז א דעפאזיטאר, און פארלאנגט, אז דער טשעק זאל געקענסעלט ווערען. די ביינק האט ערקלערט דאס א סערטיפייד טשעק קענען זיי ניט קענסלען און זיי פאדערען א באנד אויף 100 דאלאר ביז דער טשעק וועט געפונען ווערען. אונזער ליגעל אדווייזער האט געראטען צו געבען זיי א באנד.

ביים מאכען די קיטשען עקסטענשאן איז נויטיג געוועזן אוועקצושטעלען א נייעם אייז־באקס, וועלכער האט געקאסט 200 דאלאר. דער אלטער אייז־באקס איז אנגענומען געווארען אין 100 דאלאר.

דער אינדזשעניר איז אוועקגעשיקט געווארען און ס'איז אנגעשטעלט געווארען א צווייטער אויף זיין פלאץ.

דער בוילער, וואס האט געפלאצט אין לאונדרי, ווערט געפיקסט, נאר ער איז נאך ניט פארטיג.

די סאניטאריום קאמיטע באטראכט יעצט די פראגע צי די פארם זאל וויעדער בעארבייט ווערען. די הויפט שוועריגקייט יעצט א[illegible] בעארבייטען די פארם איז דאס, וואס ס'איז ניטא גענוג אר[illegible] פאר דער פארם.

פר. אדלער ערקלערט, אז מרס. ראזענבערג, די פרוי פון מ[illegible] דירעקטאר, האט וויעדער אנגעפאנגען צו פיהרען דעם קל[illegible] ענגליש.

באריכט ווערט גוטגעהייסען.

## רעפארט פון די עדיוקיישאנאל קאמיטע.

פריינד יעלין באריכטעט, אז די ניו יארק סיטי עדיוקיישאנאל קאמיטע איז אינסטאלירט געווארען און לויט די פלענער, וואס זיי האבען אויסגעארבייט, קען מען ערווארטען, אז די קאמיטע וועט טון גוטע ארבייט.

די עדיוקיישאנאל קאמיטע איז געוועזן פארטראטען ביי דער קאנפערענץ פון פארשיעדענע יוניאנס צו גרינדען א פאראייניגטע עדיוקיישאנאל קאמיטע. קיין באשליסע זיינען ביי יענער קאנפערענץ ניט אנגענומען געווארען. עס איז אבער געוועזן די מיינונג פון די פארטרעטער פון אלע ארגאניזאציאנען, אז ס'דארף געגרינדעט ווערען א קערפערשאפט אנצופיהרען געמיינשאפטליך די עדיוקיישאנאל ארבייט פון דער גאנצער ארבייטערשאפט. א ספעציעלע קאמיטע איז ערוועהלט געווארען אויסצוארבייטען א גענויעס פלאן און רעפארטען צו דער נעקסטער קאנפערענץ.

אין ניו יארק—אין הארלעם און דאון־טאון—זיינען געגרינדעט

געוואָרען אַ. ר. שול קאָמיטעס, וועלכע האָבען גלייך צוגעטראָטען צו דער אַרבייט פון אָרגאַניזירען אַרב. רינג שולען אין יענע געגענדען. דיעזע קאָמיטעס זיינען ערוועהלט געוואָרען ביי קאָנפערענצען, פאַררופען פון דער עדיוקיישאָנאל קאָמיטע. אין ברוקלין וועט אַן ענהליכע קאָנפערענץ קירצליך אָפּגעהאַלטען ווערען. די האַרלעמער שול־קאָמיטע פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל פאַר זיי באַווילליגען אַ געוויסען בודזשעט. די קאָמיטע האָט גלייך געמאַכט אַלע פאָרבערייטונגען צו ערעפענען די שולע און פאָלגליך דאַרפען זיי האָבען געלד פאַר די ערשטע אויסגאַבען. די עדיוקיישאָנאל קאָמיטע רעקאָמענדירט, אַז מען זאָל פאַר זיי באַשטימען אַן אַוואַנס, און זיי זאָלען קענען אָנגעהן מיט דער אַרבייט.

דער סופּערינטענדענט פון פּאָבליק סקוהל 160, ניו יאָרק, האָט ערקלערט, אַז אויב עס וועט זיין אַ גענוגענדע צאָהל אַרב. רינג מעמבערס, וואָס ווילען לערנען ענגליש אין אבענד, וועט ער זיין ווילליג צו ערעפענען פאַר זיי ספּעציעלע קלאַסען.

דעם 2טען אָקטאָבער האָט די קאָמיטע געהאַט אַ באַראַטונג מיט דעם פּעדאַגאָגען־ראַטה, וואו עס זיינען אנוועזענד געוועזען א. ליטווין, שלום אַש, י. לעווין, אב. עפּשטיין, האננאַה סאלוצקי און נ. פיינערמאַן. ביי דער קאָנפערענץ האָט מען זיך דורכגערעדט וועגען די מעטאָדען, וואָס דאַרפען אָנגעווענדעט ווערען אין די אַ. ר. שולען, און ס'איז אָנגענומען געוואָרען פאָלגענדע פּראָגראַם.

## דער ציעל פון די אַרבייטער רינג פאָלקס-שולען.

1.) צו לערנען די קינדער גוט לייענען, שרייבען און רעדען אידיש.

2.) באַקאַנט מאַכען זיי מיט די בעסטע מוסטערן פון דער אידישער ליטעראַטור.

3.) באַקאַנט מאַכען זיי מיט'ן לעבען פון די אַרבייטער און פון די ברייטע אידישע מאַסען אין אַמעריקא און אין אַנדערע לענדער.

4.) באַקאַנט מאַכען זיי מיט די געשיכטע פונ'ם אידישען פאָלק, און מיט עפּיזאָדען פון קאַמף פאַר פרייהייט פון דער אַלגעמיינער געשיכטע.

5.) צו אנטוויקלען ביי זיי די געפיהלען פון יושר, פון ליעבע צו אונטערדריקטע, פון ליעבע צו פרייהייט און פון אַכטונג צו די קעמפּער פאַר פרייהייט.

6.) צו אנטוויקלען ביי זיי דאָס געפיהל פון שענקייט און פון קערפּערליער און מאָראַלישער ציכטיגקייט.

7.) צו אנטוויקלען ביי זיי דעם הויכען אידעאַליזם און די שטרעבונג צו הויכע מעשים, וועלכע זיינען נויטיג פאַר יעדען קינד פונ'ם אונטערדריקטען קלאַס אויף זיין ווייטערדיגען לעבענס־וועג צו אַ בעסערע אָרדנונג.

## די פּראָגראַם פון די אַרבייטער-רינג פאָלקס-שולען.

אין די אַרבייטער־רינג פאָלקס־שולען וועט געלערנט מיט די קינדער: א) די אידישע שפּראַך: לייענען, שרייבען און רעדען; ב) אידישע געשיכטע; ג) אידישע ליטעראַטור; ד) געזאַנג און דעקלאַמאַציע און טענץ; ה) עס ווערען געפייערט געוויסע אידישע און אַלגעמיינע ימים־טובים, אַרבייטער ימים־טובים און אַלגעמיינע פרייהייטס ימים־טובים.

מיט די קינדער ווערען אויך געפיהרט שמועסען וועגען פאַרשיעדענע ערשיינונגען אין דער נאָהענטער סביבה פונ'ם קינד און אויך אין צוזאַמענהאַנג מיט די ליטעראַרישע פראַגמענטען, וואָס דאָס קינד לעזט אין שול. מען דערצעהלט אויך די קינדער און מען לעזט זיי פאַר מעשות און ערצעהלונגען, וואָס דאַרפען אנטוויקלען די פאַנטאַזיע און דעם ווילען פון די קינדער, און די בעסטע עטישע און עסטעטישע געפיהלען. צוליעב דעם זעלבען צוועק ווערען מיט קינדער אויך פון ציט צו ציט איינגעאָרדענט אויספאָהרונגען אין אַ פּאַרק, באַזוכונגען פון קונסט מוזעאומס און פון אַנדערע וויכטיגע אנשטאַלטען וואָס האָבען אַן ערציהונגס־באַדייטונג.

—

פר. יעלין גיט איבער, אַז די „פרייע אידישע פאָלקס־ביהנע", בר. 555, האָט געגעבען פיער פאָרשטעלונגען אין די „נעיבאָרהוד פּלעיהאוז". „מיכאַאיל קראַמער" פון הויפּטמאַן איז געגעבען געוואָרען צוויי מאָל און „גרינע פעלדער" פון פּרץ הירשביין צוויי מאָל.

די עדיוקיישאָנאל קאָמיטע האָט אָנגעדייטעט אייניגע נעמען פאַר די אַרבייטער רינג שולען און פאַרלאַנגט, אַז די נאַצ. עקזעקוטיוו זאָל באַשטימען וואָסער נאָמען די שולען זאָלען טראָגען.

עס ווערט באַשלאָסען, אַז די שולען זאָלען הייסען: „אידישע אַרבייטער רינג שולען".

עס ווערט באַשלאָסען גוטהייסען די רעקאָמענדיישאָן פון דער עדיוקיישאָנאל קאָמיטע צו געבען אַן אַוואַנס די יעניגע שול־קאָמיטעס, וועלכע טרעטען גלייך צו צו דער ערעפענונג פון די שולען.

דער רעפּאָרט פון דער עדיוק. קאָמ. ווערט דאַן גוטגעהייסען.

—

עס ווערט באַשלאָסען צו באַאויפטראַגען די עדיוקיישאָנאל קאָמיטע ניט צו נעהמען אויף זיך קיין פאַראַנטוואָרטליכקייט פון די פינאַנצען פון די שולען, אויסער די בודזשעטען וואָס וועלען פאַר די שולען באַשטימט ווערען.

## רעפּאָרט פון דער אָפיס קאָמיטע.

פריינד דייווידאָף, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז די אָפּ־טו־דייט פּרינטינג האָט פאַרלאַנגט, דאָס מען זאָל זיי באַצאָהלען $16.50 פאַר דעם מעטאַל פון די טאַבעלען, וואָס זיינען לעצטענס אַריין אין „פריינד", ווייל זיי האָבען געדאַרפט דעם מעטאַל און די טאַבעלען זיינען ניט געדרוקט געוואָרען. ס'איז באַשלאָסען געוואָרען צו באַצאָהלען די $16.50 און מיר זאָלען נאָכהער האַלטען דעם מעטאַל.

אין אַ געוויסער שטעדטעל האָבען אַרב. רינג מעמבערס צוזאַמען מיט מעמבערס פון דער אידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע געקליבען געלד פאַר'ן מיליאָן דאָלאַר פאָנד. די אַ. ר. מעמבערס האָבען געוואָלט, אַז די סומע זאָל איבערגעשיקט ווערען דורך אונזער דזשענעראַל אָפיס און די פעדעראַציאָנס מיטגליעדער האָבען געוואָלט דאָס שיקען דורך דער פעדעראַציע. צוליעב דעם זיינען פאָרגעקומען רייסעריען. די אָפיס קאָמיטע האָט באַשלאָסען שרייבען צום דאָרטיגען א. ר. ברענטש, אַז זיי קענען שיקען דאָס געלד דורך דער אידישער סאָצ. פעדעראַציע און מיר וועלען מיט דער סומע קרעדיטירט ווערען.

אַ געוועזענער פּאַציענט פון אונזער סאַניטאַריום איז מיט דער צושטימונג פון דאָקטאָר אַוועק מיט דריי וואָכען פריהער, איידער זיין טערמין האָט זיך געענדיגט. ער האָט געפאָדערט, אַז מען זאָל איהם אויסצאָהלען פאַר די דריי וואָכען. די אָפיס קאָמיטע גלויבט, אַז ווען אַ מעמבער וויל ניט אָדער קען ניט אַריינגענומען ווערען אין סאַניטאַריום, קריגט ער אויסגעצאָהלט צו 100 דאָלאַר קאָנסאַמפּשאַן בענעפיט, אום ער זאָל זיך קענען ווי־עס־איז קורירען. אָבער ווען איינער איז געוועזען אין סאַניטאַריום העכער 8 מאָנאַטען און מאָהנט פאַר דריי וואָכען צייט, וואָס באַטרעפט בלויז עטליכע דאָלאַר (אין אַזעלכע פעלע קריגט דער מעמבער אויסגעצאָהלט לויט פּראָפּאָרציע פון 100 ד. פאַר 9 מאָנאַטען), איז דאָס אַ סומע וואָס האָט קיין באַדייטונג.

די אָפיס קאָמיטע רעקאָמענדירט, אַז טשעקס זאָלען קענען געסטאָפּט ווערען אין אָפיס, איידער זיי ווערען אַרויסגעגעבען, פון דזשענעראַל סעקרעטער, אָדער פון דער קאָמיטע וואָס גיט אַרויס דעם טשעק, אָדער די טשערלייט פון אַלע דעפּאַרטמענט קאָמיטעס.

אין אַ געוויסען ברענטש זיינען פיעלע מעמבערס געדראָפּט געוואָרען און זיי האָבען באַשלאָסען זיך פאַראייניגען מיט אַ צווייטען ברענטש. זיי האָבען אָבער אויסגעפונען, אַז 30 דאָלאַר איז געבליבען ביי זייער סעקרעטער, וועלכער איז אויך געדראָפּט געוואָרען. די אָפיס קאָמיטע האָט באַשלאָסען צו באַווילליגען די דרייסיג דאָלאַר פון דעם 10 סענט טעקס, וואָס ווערט געקליבען צו דעקען די דיוס פון די געדראָפּטע.

ס'איז לעצטענס אינוועסטעט געוואָרען $42,500 אין סערטיפייד מאָרטגיידזשעס. די אינוועסטמענט איז געמאַכט געוואָרען אונטער דער אויפזיכט פון אונזער ליגעל אַדווייזער.

די אָפיס קאָמיטע האָט באַשלאָסען דערווייל ניט צו שניידען קיין קופּאָנס פון די ברענטש באָנדס, וואָס ווערען געהאַלטען אין אַ ספּעציעלען וואָלט.

ווען פר. געליעבטער איז געוועזען אויף וואַקיישאַן, האָט פר. פריוומאַן גענומען מיניטס ביי די מיטינגען פון אַלע דעפּאַרט. קאָמיטעס.

די קענעדער ברענטשעס פלעגען שיקען טשעקס אין אָפיס פאַר זייערע דיוס. אין דער צייט פון דער מלחמה רעכענען די בייאַנק מאַנכעס מאָל עטליכע דאָלאַר פאַר קעשען אַ קענעדער טשעק. די אָפיס קאָמיטע האָט פון זיי געפאָדערט צו מאַכען צאָהלונגען דורך מאָני־אָרדערס. די קענעדער ברענטשעס האָבען געבעטען, אַז מען זאָל זיי ווייטער ערלויבען צו צאָהלען מיט טשעקס, ווייל מאָני אָרדערס וועלען זיי דאַרפען קאָסטען עטליכע דאָלאַר עקסטרא יעדען מאָנאַט.

דער „עליען פּראָפּערטי קאַסטאָדיען" האָט פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל איהם שיקען די געלדער פון די יורשים, וואָס זיינען אין דייטשלאַנד און עסטרייך. אונזער ליגעל אַדווייזער האָט געזאָגט, אַז מען דאַרף איהם די געלדער ניט שיקען, ווייל מיר האָבען נאָך ניט אַלע נויטיגע פּאַפּיערען אויסצוצאָהלען די טויטען־בענעפיט און פאָלגליך זיינען דיעזע קייסעס פאַר אונז נאָך ניט געסעטעלט. די זאַך איז איבערגעגעבען געוואָרען צו אונזער ליגעל אַדווייזער.

אין אַ געוויסען ברענטש איז אַ מעמבערין געשטאָרבען געוואָרען און דער ברענטש האָט אין עטליכע מאָנאַטען אַרום ערפאַהרען, אַז זי געפינט זיך אין אַ משוגעים הויז. די נאַצ. עקז. האָט אין אויגוסט באַשלאָסען די באַטרעפענדע צו רעאינסטייטען, אויב ס'וועט זיך אַרויסצייגען, אַז זי האָט ניט געהאַט קיין קרובים אָדער פריינד, וועל עס זאָל מעלדען וועגען דעם צום ברענטש אָדער דזשענעראַל אָפיס. די סיטי אָרג. קאָמיטע האָט די זאַך אונטערזוכט און אויסגעפונען, אַז זי האָט אַ שוואָגער, וועלכער קליימט, אַז ער האָט דעם ברענטש געלאָזט וויסען וועגען איהר קראַנקהייט. דער ברענטש אָבער לייקענט, אַז זיי האָבען אַזאַ מעלדונג ערהאַלטען.

* * *

אין באַציהונג צו דעם מעמבער וואָס מאָהנט מען זאָל איהם אויסצאָהלען פאַר די איבריגע דריי וואָכען, וואָס ער איז ניט אויסגעוועזען אין סאַניטאַריום, ערקלערט בר. פעדלער, אַז דער באַטרעפענדער האָט געוואָלט צוריק אַריינגענומען ווערען אויף דער איבריגער צייט, נאָך

עס האָט זיך אַרויסגעציינט צו זיין אַן אונפּאַסענדע קיוס פאַר אונזער סאַניטאַריום, און ער איז דארום באַרעכטיגט, אַז מען זאָל איהם אויסצאָהלען פאַר די איבריגע דריי וואָכען. — עס ווערט באַשלאָסען איהם אויסצוצאָהלען וואָס ס'קומט איהם פּראָפּאָרציאָנעל פאַר די דריי וואָכען.

וועגען דער מעמבערין, וואָס איז געשטראָכען געוואָרען און געפינט זיך אין אַ משוגעים הויז, ווערט באַשטימט זי ניט צו רעאינסטייטען, ווייל זי איז געזעצליך געשטראָכען געוואָרען.

וועגען די קענעדער ברענטשעס ווערט באַשלאָסען, אַז זיי זאָלען אין צייט פון קריעג צאָהלען דורך מאָני אָרדערס, ווייל אויב ניט וואָלט דער אָפּיס פון זיי ניט קריגען די פולע סומע וואָס זיי דאַרפען איינצאָהלען.

וועגען די דרייסיג דאָלאַר, וואָס זיינען געבליבען ביים סעקרעטער, וועלכער איז געדרעפּטעט געוואָרען, ווערט באַשלאָסען איבערגעבען נאָך אַמאָל די פראַגע צו דער אָפּיס קאָמיטע. ס'איז די מיינונג פון דער עקזעקוטיוו, אַז די סומע זאָל געדעקט ווערען פון אַדמיניסטריישאָן פאָנד.

וועגען סטאַפּען די טשעקס אין אָפּיס, אוידער זיי ווערען אַרויסגעשיקט, ווערט באַשלאָסען, אַז די זאַך זאָל בלייבען ווי ביז יעצט.

* * *

דער טשערמאַן, פר. אב. עפּשטיין, ערקלערט, אַז מיר האָבען יעצט אַביסעל מעהר פּובליסיטי. אין דער צייט פון קאמפּיין איז אָבער שווער צו קריגען גענוג פּלאַץ אין „פאָרווערטס“. די „נייע וועלט“ האָט דעם אַרבייטער רינג געגעבען קרעדיט פאַר באַשטימען איבערצושיקען דורך די פעדעראַציע די געלדער, וואָס מיר קלייבען פאַר'ן סאָציאַליסטישען קאמפּיין.

* * *

אַ ספּעשעל מיטינג פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע ווערט אָפּגעהאַלטען שבת, דעם 19טען אָקטאָבער, אום 4 אוהר נאָכמיטאָג, מיט פריינד אב. עפּשטיין אַלס טשערמאַן.

פריינד עפּשטיין ערקלערט, אַז דער מיטינג איז גערופען געוואָרען צו פאַרהאַנדלען איניגע ליגעל פראַגען אין דער אַנוועזענהייט פון אונזער ליגעל אַדוויזער, מאיר לאָנדאָן. אויך צו זעהן, וואָס עס קען געטון ווערען צו העלפען אונזערע מעמבערס אין דער איצטיגער עפּידעמיע.

נאָך דעם ווי מען רעדט זיך דורך מיט מאיר לאָנדאָן וועגען דער לעגאַליטעט אַרבייט אין איניגע שטאַאַטען, געהט מען איבער צו דער פראַגע וועגען אָרגאַניזירען מעדיצינישע הילף פאַר אונזערע מעמבערס אין דער צייט פון דער איפלוענציא.

עס ווערט אָנגעדייטעט, אַז אין פיעלע שטעדט איז די לאַגע יעצט, צוליעב דער עפּידעמיע, אַ שרעקליכע און מען מוז געפינען מיטלען ווי צו קומען צו הילף אונזערע מעמבערס און זייערע פאַמיליען, וואָס זיינען קראַנק אויף אינפלוענציא.

נאָך אַ קורצער דעבאַטע ווערט איינשטימיג באַשלאָסען צו ערוועהלען אַ קאָמיטע, וועלכע זאָל צוזאַמען מיט'ן אָפּיס אָרגאַניזירען ערשטע מעדיצינישע הילף פאַר די אַרבייטער־רינג מעמבערס אין גרייטער ניו יאָרק און אין אַנדערע שטעדט, וואָס וועלען זיך צו אונז ווענדען.

מאַנכע עקזעקוטיוו מיטגליעדער ציינען אָן, אַז די לעצטע קאָנווענשאָן האָט באַשטימט 3000 דאָלאַר פאַר דעם צוועק צו שטעלען זיך אין פאַרבינדונג מיט האָספּיטאַלס. די געלדער זיינען נאָך ניט אויסגעגעבען געוואָרען. מען קען דארום באַוויליגען די סומע אויף ערשטע מעדיצינישע הילף אין די שטעדט, וואו עס הערשט די עפּידעמיע, און ברענגען די פראַגע צו דער נעקסטער קאָנווענשאָן גוטצוהייסען.

אין דער קאָמיטע ווערען ערוועהלט פריינדע וואָלאָס, פּערלאָוויץ, גערשאָנאָף, גאָלדינג, ל. ראָטהמאַן.

עס ווערט באַשלאָסען אַראָפּצוברענגען דר. ל. היבש פון אונזער סאַניטאַריום און ער זאָל האָבען די פולע אויפזיכט איבער דער אַרבייט.

## קאָמיטע.

פון פילאַדעלפיא סיטי קאָמיטע — פר. טייטעלמאַן, דירעקטאָר פון פּענסילווייניא, ערקלערט, אַז מעדיצינישע הילף פאַר די פילאַדעלפיער אַ. ר. מעמבערס איז זעהר נויטווענדיג. זיי האָבען אָבער ניט קיין פאָנדס און זיינען הילפלאָז. ער בעט, אַז מיר זאָלען באַשטימען אַ געוויסע סומע פאַר זייער מעדיצינישער אַרבייט.

עס ווערט באַשלאָסען צו באַוויליגען פאַר זיי 200 דאָלאַר אויף צו אָרגאַניזירען די ערשטע מעדיצינישע הילף אין דער צייט פון דער עפּידעמיע.

## געמיינשאַפטליכער מיטינג מיט פיונעראַל דעפּאַרטמענט און סעמעטערי קאָמיטע.

פר. באַסקין ערקלערט, אַז די לאַגע אין פילאַדעלפיא איז אַ שרעקליכע. דער דאָרטיגער אָנדערטייקער האָט אָפּגעבראָכען דעם אַגרימענט מיט'ן אַרבייטער רינג און מען רעכענט איצט פאַר פיונעראַלס 300—200 דאָלאַר. די דאָרטיגע ברענטשעס און מעמבערס זיינען יעצט אונמעכטיג. און ס'איז נויטיג, אַז עפּעס זאָל פאַר זיי געטון ווערען.

די אָפּיס קאָמיטע האָט ערפאַהרען וועגען דיעזען צושטאַנד אין פילאַדעלפיא און באַשלאָסען רופען אַ געמיינשאַפטליכען מיטינג פון דער פיונעראַל דעפּאַרטמענט, סעמעטערי קאָמיטע און נאַצ. עקזעקוטיוו צו זעהן, וואָס עס קען געטון ווערען פאַר פילאַדעלפיא.

פר. טייטעלמאַן, פון פילאַדעלפיא סיטי קאָמיטע, ערקלערט, אַז ס'זיינען דאָרט פיעלע טויטען־פעלע, — אַז די לאַגע איז ביי זיי אַן אויסערגעוועהנליכע און באַלדיגע הילף מוז געגעבען ווערען.

פר. בעצאַהלער, פון סעמעטערי דעפּאַרטמענט, גיט איבער, אַז זיי האָבען באַשלאָסען באַוויליגען 1000 דאָלאַר פאַר פילאַדעלפיא אויפ'ן חשבון פון זייערע פיונעראַל בענעפיטס. זיי וועלען אויך שיקען אַ ספּעציעלע קאָמיטע אין פילאַדעלפיא צו העלפען אַראַנזשירען די פיונעראַלס.

די ערוועהלטע קאָמיטע פאַר מעדיצינישער הילף האַלט באַלד אָפּ אַ זיצונג און אַרבייט אויס אַ פּלאַן פאַר טעטיגקייט.

פ. גליעבטער, רעק. סעקרעטער.

---

דער רעגעלער מאָנאַטליכער מיטינג פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע פון אַ. ר. ווערט ערעפענט זונטאג, דעם 3טען נאָוועמבער, אום 10 אוהר פריה, פון טשערמאַן פריינד אב. עפּשטיין.

## צושריפטען.

פון לאָס אַנדזשעלעס סאַניטאַריום — באַדאַנקען פאַר די 500 דאָל. וואָס זיי האָבען געקראָגען אַלס ביישטייערונג פון דער לעצטער אַרבייטער רינג קאָנווענשאָן.

פון די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען — בעטען צו שיקען אַ רעזאָלוציאָן צום דיסטריקט אַטוירני און איהם אויפפאָדערען צו זעהן געפינען דעם פאַרברעכער, וואָס האָט געשטאָכען איזידאָר קאָהן, ווען דער לעצטער האָט אַדרעסירט אַ סאָציאַליסטישען אָפּען־עיר מיטינג. עס ווערט בעשלאָסען צו שיקען אַזאַ רעזאָלוציאָן.

פון פריינד ה. פעלדמאַן, בר. 149, — וועלכער איז געווען דער נעקסטער אויפ'ן באַלאָט און צוגעצויגען געוואָרען אין דער נאַצ. עקזעקוטיוו אויסצופילען דעם וואַקאַנס פון פר. זאַריצקי, וועלכער האָט רעזיגנירט. — פר. פעלדמאַן שרייבט, אַז ער קען ניט אָננעהמען. ס'ווערט באַשלאָסען צו רופען דעם נעקסטען אויפ'ן באַלאָט.

* * *

פר. יודיטש באַריכטעט, אַז ער איז געווען אין עליזאבעטה, ניו דזשוירזי, דעם 3טען אָקטאָבער, אָבער צוליעב דער עפּידעמיע איז דער מיטינג ניט אָפּגעהאַלטען געוואָרען.

* * *

פר. באַסקין באַריכטעט, אַז צוליעב דער עפּידעמיע אויף אינפלוענציא האָט דער מיטינג פון בר. 256 ניט שטאַטגעפונען און פאָלגליך איז ניט נויטיג געווען אַהין צו פאָהרען.

---

## באַריכט פון מעדיצינישער הילף קאָמיטע.

פריינד וואָלאָס, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז זיי האָבען איינגעזעהן, דאָס אונטער די אומשטענדען וועט מעגליך זיין צו געבען בלויז ערשטע מעדיצינישע הילף צו די מעמבערס און זייערע פאַמיליעס וואָס ליידען פון אינפלוענציא, ווייל ס'איז שווער געווען צו קריגען גענוג נוירסעס און דאָקטוירים, אום צו קענען די אַרבייט אַוועקצושטעלען אויף אַ ברייטען מאַסשטאַב.

זיי האָבען זיך גלייך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט דער סאַניטאַריום און דר. היבש, דער אַסיסטענט דאָקטאָר אין אונזער סאַניטאַריום, איז אַראָפּגעבראַכט געוואָרען אין ניו יאָרק. אויך האָט מען אין ניו יאָרק געבראַכט דעם אויטאָמאָביל פון סאַניטאַריום.

אין פאַרלויף פון די צוויי וואָכען זיינען אַטענדעט געוואָרען איבער 200 קייסעס. פון זיי זיינען 4 געשטאָרבען און 3 צוגענומען געוואָרען אין האָספּיטאַלס. עס זיינען געווען באַשעפטיגט צעהן נוירסעס. טאַנכע פון זיי האָבען געאַרבייט גאַנצע טעג, אַנדערע בלויז האַלבע טעג אָדער איניגע שטונדען אַ טאָג.

דר. היבש איז אין איניגע טעג אַרום אַליין קראַנק געוואָרען און האָט געמוזט אָפּפאָהרען אין סאַניטאַריום. דר. קיען איז אָנגעשטעלט געוואָרען אויף זיין פּלאַץ צו האָבען אויפזיכט איבער די נוירסעס און אויך אַליין אַטענדען צו קראַנקע. אוידער דר. קיען איז אָנגעשטעלט געוואָרען פלעגט דר. קלימענקאָ אַריינקומען אין אָפּיס יעדען טאָג, דורכקוקען די קאַרדס און באַצייכנען די, וועלכע דאַרפען ווייטער אַטענדעט ווערען. דער אָפּיס פלעגט זיך באַנוצען מיט די דאָקטוירים, וואָס זיינען פאַרבונדען מיט'ן אַרבייטער רינג און זיי צו שיקען צו די קייסעס, וואו אַ דאָקטאָר איז נויטיג געווען.

די קאָמיטע דריקט אויס אַ באַזונדערען דאַנק צו דר. קרימינקאָ, דר. האַלפּערן און דר. מעריסאָן, וועלכע האָבען זיך אינטערעסירט מיט דיעזער אַרבייט.

באריכט ווערט גוטגעהייסען.

## באריכט פון דער ליגעל קאָמיטע.

פריינד פרוימאַן, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באריכטעט, אַז מיר האָבען געקראָגען לייסענס אין מישיגען סטייט. אַ טשעק פאַר'ן טשאַרטער איז אַרויסגעשיקט געוואָרען צום קאָמישאָנער אוו אינשורענס פון טעקסעס. ס'איז אויך דאָ האָפנונג, אַז מיר וועלען אין גיכען קריגען לייסענס אין איינינע אַנדערע סטייטס.

די רעגיערונג פון דער פּראָווינץ מאניטאבא (קאנאדא) פאָדערט, אַז אַ סומע פון 10,000 דאלאר זאָל אינוועסטעט ווערען אין באָנדס פון זייער רעגיערונג אַלס סעקיורעטי איידער עס ווערט באוויליגט אַ טשאַרטער. דער דזשענעראל אָפיס האָט אָנגעפרעגט ביים קאָמישאָנער אוו אינשורענס פון ניו יאָרק צי ער וועט אונז ערלויבען קויפען דיעזע קענעדער באָנדס און ער האָט געגעבען זיין צושטימונג.

די אַרבייט וועגען לעגאַליזירען דעם אַרבייטער רינג אין די איבריגע סטייטס ווערט כסדר אָנגעפיהרט.

באריכט ווערט גוטגעהייסען.

—

פר. יעלין באריכטעט, אַז די סאָב־קאָמיטעס פון דער עדיוקיישאָנאל און אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטעס האָבען אויסגעאַרבייט דעם פּראָגראַם פאַר דעם קאָנצערט און מאַס־מיטינג, וואָס איז אַראַנזשירט געוואָרען צו ערעפענען דעם מעמבערשיפּ קאמפּיין אין ניו יאָרק, אין וואַשינגטאָן אירווינג היי־סקוהל.

עס ווערט באשלאָסען, אַז דיעזער באריכט זאָל פאַרהאַנדעלט ווערען ביי דער עדיוקיישאָנאל און אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטעס, פון וועמען דער קאָנצערט און מיטינג ווערט אַראַנזשירט.

—

אַלס פאַרטרעטער צו דעם 5טען יעהריגען יובילעאום פון ברענטש 500 ווערען ערוועהלט פריינד יעלין און דייווידאָף.

## סעקרעטער'ס רעפּאָרט.

פריינד באַסקין, דזשענעראל סעקרעטער, באריכטעט, אַז די ערשטע מעדיצינישע הילף פאַר די מעמבערס און זייערע פאַמיליעס וואָס ליידען פון אינפלוענציא איז אַראַנזשירט געוואָרען אויף דעם בעסטען אופן, ווי ס'איז מעגליך געווען אונטער די אומשטענדען.

ער דייטעט אָן, אַז אין דער צייט פון דער עפּידעמיע האָבען פיעלע דאָקטוירים ניט ערפילט זייערע פליכטען און ניט אַטענדעט צו קראַנקע מעמבערס און זייערע פאַמיליען, מיט די ברענטשעס פון וועלכע זיי זיינען פאַרבונדען. ער דענקט, אַז די עקזעקוטיוו דאַרף יעצט וויעדער נעהמען די איניציאַטיווע צו זעהן איינפיהרען דיסטריקט דאָקטוירים אין די גרעסערע שטעדט.

פר. באַסקין דענקט אויך, אַז מיר וואָלטען געדאַרפט האָבען אַ באַצאָהלטען מעדיקאל אַדווייזער אין אָפיס, פונקט ווי מיר האָבען אַ ליגעל אדוויז. מען וואָלט זיך מיט אַזאַ מעדיקאל אדווייזער [illegible]ענט באנוצען צו באראַטען וועגען סיק סערטיפיקייטס, צווייפעל־[illegible]ע אַפּליקיישאָנס און פיליכט אויך צו אַטענדען אויטסייד קיי־[illegible] ווען נויטיג.

[illegible] ערקלערט, אַז ס'איז נויטיג, דאָס די עקזעקוטיוו זאָל באַ[illegible]ען פון וועלכען פאָנד עס זאָלען געדעקט ווערען די אויסגאַבען [illegible]אַר די ערשטע מעדיצינישע הילף, וואָס ווערט געגעבען אין דער צייט פון אינפלוענציא.

ער זאָגט, אַז צוליעב דער עפּידעמיע וועט מען וואַרשיינליך דאַרפען אויסצאָהלען עקסטרא אַרום 15—20 טויזענד דאלאר קראַנקען בענעפיט. אָבער דער סיק בענעפיט פאָנד איז גאַנץ געזיכערט. ביז דעם 1טען אָקטאָבער האָט דיעזער פאָנד געהאַט אַ סורפּלוס פון $63,982.17.

ביז דעם 1טען אָקטאָבער איז אין אָפיס רעפּאָרטעט געוואָרען 47 טויטען־פעלע פון דער עפּידעמיע. (צווישען דיעזע זיינען נאָך ניטאָ קיינע רעפּאָרטס פון טויטען־פעלע אין ניו יאָרק און פילאדעלפיא). פאַר דיעזע טויטען־פעלע וועט דאַרפען אויסגעצאָהלט ווערען $11,400. אָבער דער מאָרטשוערי פאָנד האָט ביז דעם 1טען אָקטאָבער געהאַט אַ סורפּלוס פון $99,252.03. אויב אפילו עס זאָל זיין אַרום 120-150 טויטען־פעלע פון דער אינפלוענציא וועט דאָס אַלץ ניט שעדיגען דעם גרויסען סורפּלוס פון דעם מאָרטשוערי פאָנד.

ער דייטעט אָן, אַז אַלס רעזולטאַט פון דער אינפלוענציא קען מען ערוואַרטען צו האָבען מעהר פּאַציענטען אין סאַניטאַריום און אויסצאָהלען מעהר קאנסאמפּשאן בענעפיט, ווי ביז יעצט. אָבער דער קאנסאמפּשאן בענעפיט פאָנד האָט ביז דעם 1טען אָקטאָבער געהאַט אַ סורפּלוס פון $12,425.93 און יעדען קוואַרטאל ווערט פאַר דעם פאָנד קאָלעקטעט אַרום $5,400.00.

ער ערקלערט, אַז ביז דעם 1טען אָקטאָבער האָט דער סאַניטאריום אויפהאַלטונגס פאָנד געהאַט אַ דעפּאָזיט פון $1,399.99. פאַר דאָס האָט דער סאַניטאריום בילדינג פאָנד געהאַט אַ סורפּלוס פון $12,620.86

דער אַדמיניסטריישאן פאָנד האָט לעצטען מאָנאַט געהאַט אויסגאַבען פון $3,703.85. די אויסגאַבען זיינען געווען אַביסעל מעהר ווי געוועהנליך, ווייל דאָ געהט שוין אַריין די הוצאות פאַר ליגעל אַרבייט, פאַר די סטייט אוידיטאָרס א. ד. ג.

נייע מעמבערס זיינען אין 72טען קוואַרטאל אַריינגעקומען 1572. אין דעם זעלבען קוואַרטאל זיינען געשטראָכען געוואָרען 1445 מעמבערם.

אין מאָנאַט אָקטאָבער 1918 זיינען אַריינגעקומען געוואָרען 817 נייע מיטגליעדער. אין מאָנאַט אָקטאָבער 1917 זיינען אַריינגעקומען 649 נייע מעמבערם.

פר. באַסקין ערקלערט, אַז די ברענטשעס פון די סטייטס, וואו מיר זיינען געוואָרען געזעצליך, צייגען אַרויס שטאַרקע באַגייסטערונג און פאַרשפּרעכען אין דער נאָהענטער צוקונפט צו טון גוטע אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבייט אין דעם מעמבערשיפּ קאמפּיין.

ער גיט אָן פאָלגענדע בודזשעטען פאַר'ן מאָנאַט נאָוועמבער:

| | |
|---|---|
| אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע | $400.00 |
| עדיוקיישאָנאל קאָמיטע | 500.00 |
| „פריינד" פאָנד | 1000.00 |
| סאַניטאַריום קאָמיטע | 7000.00 |
| אַדמיניסטריישאן פאָנד | 3200.00 |

עס ווערט באשלאָסען, אַז די אויסגאַבען פון ערשטע מעדיצינישע הילף זאָלען פאָרלויפיג געדעקט ווערען פון די 3000 דאלאר, וואָס זיינען פון קאָנווענשאן באַשטימט געוואָרען פאַר האָספּיטאלס און ביי דער נעקסטער קאָנווענשאָן זאָל וועגען דעם רעפּאָרטעט ווערען.

די פראַגע וועגען אָנשטעלען אַ מעדיקאל אדווייזער ווערט באַשלאָסען איבערגעבען צו דער נאַצ. בענעפיט קאָמיטע.

דעם סעקרעטער'ס רעפּאָרט ווערט דאַן גוטגעהייסען.

## טשערמאַן'ס רעפּאָרט.

פריינד אב. עפּשטיין באריכטעט, אַז פריינד באַסקין און ער זיינען געווען פאַרטראָטען ביי אַ קאָנפערענץ, פאַררופען פון דער אידישער סאָצ. פעדעראַציע וועגען אויפלעבען די נאַציאָנאַלע אַרבייטער קאָמיטע אָדער שאַפען אַ נייע קאָמיטע. דער גרונד געדאַנק איז געווען צו שאַפען אַ באוועגונג פון דער אידישער אַרבייטערשאַפט, דורך וועלכער עס זאָל געפאָדערט ווערען נאַציאָנאַלע און פּאָליטישע רעכטע פאַר'ן אידישען פאָלק.

פר. יודיטש גיט צו, אַז ביי דער קאָנפערענץ האָט זיך געשטעלט די פראַגע צי ס'איז נויטיג באַלד צו פאַררופען אַ אידישען קאָנגרעס. אין דער נויטווענדיגקייט פון אַזאַ קאָנגרעס זיינען אַלע געווען איינשטימיג. עס איז אויך אָנגעדייטעט געוואָרען, דאָס אַזוי־ווי דעלעגאַטען צו אַ אידישען קאָנגרעס זיינען שוין ערוועהלט און אַזוי־ווי די צייט איז קורץ צו מאַכען נייע וואַהלען פאַר אַן אַנדער קאָנגרעס, זאָלען די אַרבייטער אָרגאַניזאַציאָנען פאָדערען צו האָבען אַ פאַרטרעטערשאַפט ביי יענעם קאָנגרעס. אַ ספּעציעלע קאָמיטע איז ערוועהלט געוואָרען אויסצואַרבייטען אַ פאָרם פון פאַרטרעטערשאַפט און פאַררופען אַן אַרבייטער קאָנפערענץ וועגען דער פראַגע.

מאַנכע עקזעקוטיוו מיטגליעדער זיינען מיט דער מיינונג, אַז די פריהעריגע נאַציאָנאַלע אַרבייטער קאָמיטע האָט געהאַט אַ פיינדליכע שטעלונג צום אידישען קאָנגרעס, אַז דער איינפלוס פון דער אָרגאַניזירטער אַרבייטערשאַפט איז פיעל געשטיעגען אין משך פון לעצטען יאָהר, דארום וואָלט ניט געווען קאָנזעקווענט זיך צו פאַראייניגען מיט דעם אידישען קאָנגרעס, נאָר בעסער צוזאַמענרופען אַ באַזונדערען אַרבייטער קאָנגרעס אָדער קאָנפערענץ צו פאַרהאַנדלען וועגען פּאָליטישע און נאַציאָנאַלע גלייכבארעכטיגונג פאַר אידען

נאָך אַ קורצער דעבאַטע ווערט באַשטימט אָנצושליסען זיך אָן די איניציאַטאָרס צו פאַררופען אַן אַרבייטער קאָנפערענץ צו פאַרהאַנדלען וועגען דער פראַגע.

## רעפּאָרט פון דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע.

פר. דינערשטיין, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באריכטעט, אַז אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם מעמבערשיפּ קאמפּיין זייענן אַראַנזשירט געווארען מאַס־מיטינגען אין שיקאַגאָ, מילוואָקי, דעטראָיט, באַפאלא און דאַטשעסטער און די נאַציאָנאַלע אָרג. קאָמיטע וועט שיקען אַהין פאַרטרעטער. אין די לעצטע צוויי שטעדט האָט מען צוליעב דער אינפלוענציא געמוזט אָפּלעגען די מיטינגען.

ס'איז באשלאָסען געוואָרען צו אַראַנזשירען א טשאַרטער־פעסט אין מעין סטייט לכבוד דעם וואָס מיר האָבען געקראָגען לייסענס אין יענעם שטאַאט.

די דיסטריקט קאָמיטע פון נואַרק, ניו דזשורזי, האָט געלאָזט וויסען, אַז זיי זיינען בארייט דורכצופיהרען אַ סך גוטע אַרבייט אינ'ס מעמבערשיפּ קאַמפּיין. זיי האָבען געבעטען, אַז מען זאָל זיי שיקען די נייע ליפלעטס וועגען אַ. ר. און אויך ערלויבען זיי דרוקען פּאָוסטערס און העלפען אַראַנזשירען לעקטשורס מיט קאָנצערטען. — די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט דאַן באשלאָסען צו דרוקען שאָו־קאַרדס און זיי פאַרנאַנדערשיקען צו אַלע סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס.

די ניו יאָרק סיטי אָרג. קאָמיטע האָט אויך אויסגעאַרבייט אַ פּלאַן פאַר'ן מעמבערשיפּ קאמפּיין און זיי ערוואַרטען גוטע רעזולטאַטען פון זייער אַרבייט.

אין פאַרבינדונג מיט דעם מעמבערשיפּ קאמפּיין האָט די נאַצ. אָרג. קאָמיטע באשלאָסען צו דרוקען אַן אינדיווידועלען בריעף צו אַלע מעמבערס פון אַ. ר. און איהם פאַרנאַנדערשיקען צו די מיטגליעדער דורך די ברענטשעס.

בר. 150, ניו יאָרק, האָט וויעדער אַראַנזשירט אַ מאַס־מיטינג פאַר דעם צוועק אַריינצונעהמען נייע מיטגליעדער, נאָר צוליעב דער עפּידעמיע אויף אינפלוענציא איז דער מיטינג ניט אָפּגעהאַלטען געווארען. פריינד עפשטיין איז דאָרט געוועזען און זיך דורכגערעדט מיט די אַקטיווע מיטגליעדער פון ברענטש. זיי האָבען פונדעסטוועגען אַריינגענומען יענעם אבענד עטליכע נייע מעמבערס.

פריינד וואלאָווין איז געוועזען פאַרטראָטען ביי דער קאָנפערענץ אין סאוטה נאָרוואָלק, קאָנג. ס'זיינען דאָרט געוועזען פאַרטראָטען דעלעגאַטען פון סטעמפאָרד, ברידזשפּאָרט און סאוטה נאָרוואָלק ברענטשעס. עס איז ערוועהלט געוואָרען אַ „פעלד קאָמיטע" פון 5 און ס'איז באשלאָסען געוואָרען, אַז דיעזע קאָמיטע זאָל יעדען מאָנאַט מיטען אין אַן אַנדער שטעדטעל פון דיסטריקט. די דעלעגאַטען האָבען פאַרשפּראָכען צו טון גוטע אַרבייט פאַר'ן מעמבערשיפּ קאמפּיין.

פר. דינערשטיין ערקלערט, אַז צוליעב דער עפּידעמיע איז געוועזען אַ שטיל־שטאַנד צווישען די ברענטשעס, אָבער עס צייגען זיך שוין ארויס סימנים, אַז עס וועט זיך אָנפאַנגען אַן אויפלעבונג אין דער אָרגאַניזאַציאָנס אַרבייט, אַזוי שנעל ווי די עפּידעמיע וועט פאָראיבער.

דער באריכט פון דער אָרג. קאָמיטע ווערט גוטגעהייסען.

---

## רעפּאָרט פון דער בענעפיט קאָמיטע.

פריינד ל. ראָטהמאַן, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באריכטעט, אַז לעצטען מאָנאַט האָט די נאַצ. בענעפיט קאָמיטע ניט געמיטעט רעגעלמעסיג, ווייל מאַנכע מיטגליעדער פון דער קאָמיטע זיינען געוועזען קראַנק.

מאַסען סיק סערטיפיקייטס קומען יעצט אַריין אין אָפיס ניט אונטערשריבען פון קיין קאָמיטעס, ווייל צוליעב דער אינפלוענציא זיינען קיין קאָמיטעס ניט געשיקט געוואָרען. די בענעפיט קאָמיטע האָט באשלאָסען אָנצונעהמען אַזעלכע סערטיפיקייטס אָהן אונטערשריפטען פון קאָמיטעס.

מאַנכע ברענטש דאָקטוירים האָבען ניט אַטענדעט צו די קראַנקע מעמבערס און זייערע פאַמיליעס. די בענעפיט קאָמיטע האָט באשלאָסען צו העלפען די ברענטשעס וואָס וועלען נעהמען שריטע געגען דיעזע דאָקטוירים און אויך אָרדערען דעם דזשענעראַל אָפיס דיעזע דאָקטוירים ניט צו אַנערקענען.

דר. ניעלסאָן, מעמבער פון דער מעדיקאַל אַדווייזערי באָארד, האָט זיך געווענדעט מיט פאָלגענדען בריעף צו דער בענעפיט קאָמיטע:

„די אינפלוענציא עפּידעמיע האָט קלאָר באוויזען ווי וויכטיג עס וואָלט געוועזען פאַר די אַרבייטער רינג מעמבערס די סיסטעם פון דיסטריקט דאָקטוירים אַנשטאָט די יעצטיגע סיסטעם פון ברענטש דאָקטוירים. די דאָקטוירים האָבען קיין מעגליכקייט ניט געהאַט צו אַטענדען די יעניגע מעמבערס און זייערע פאַמיליעס וועלכע וואָהנען ווייט פון זייערע אָפיסעס. דעריבער האָבען מאַנכע פון די מעמבערס פיעל געליטען בלייבענדיג אָהן הילף אין אַזאַ שרעקליכער מגפה.

די עפּידעמיע, אָבוואָהל אין אַ שוואַכערער פאָרמע, וועט וואַרשיינליך אָנגעהן דעם גאַנצען ווינטער און מעגליך אַז אין ספּרינג וועט זי זיך וויעדער פאַנאַנדערפלאַקערען. איך גלויב, אַז עס איז נויטיג אויפצואוועקען צוריק די פראַגע וועגען דיסטריקט דאָקטוירים און איך רעכען, אַז די ברענטשעס וועלען יעצט איינזעהן ווי וויכטיג די פראַגע איז און וועלען צושטימען."

די בענעפיט קאָמיטע האָט באשלאָסען, אַז אויב ברענטשעס וועלען אָנפאַנגען אַ באוועגונג פאַר דיסטריקט דאָקטוירים, וועט זי אַזאַ באַוועגונג זיכער אונטערשטיצען.

דער רעפּאָרט פון דער בענעפיט קאָמיטע ווערט גוטגעהייסען.

---

## רעפּאָרט פון דער גריוועַנס קאָמיטע.

פריינד וויינבלאַט, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באריכטעט, אַז אַ געוויסער ברענטש אין מינעסאָטא האָט אַפּעלירט געגען באשלוס פון דער נאַצ. בענעפיט קאָמיטע אויסצוצאָהלען די בענעפיט צו זייערען אַ מעמבער. די בענעפיט קאָמיטע האָט ערקלערט פאָלגענדעס: דער ברענטש האָט זיך ענטזאַגט אויסצוצאָהלען פאַר אַ נאָך אַ וואָך בענעפיט צו דעם באַטרעפענדען. דער מעמבער האָט אַפּעלירט צו דער בענעפיט קאָמיטע. די לעצטע האָט איבערגעגעבען צו דער דאָרטיגער דיסטריקט קאָמיטע די זאַך צו אונטערזוכען. די דיסטריקט קאָמיטע האָט ערקלערט, אַז ער איז דורכאויס בארעכטיגט צו די בענעפיט און רעקאָמענדירט אויסצוצאָהלען. די בענעפיט קאָמיטע האָט אָנגענומען די רעקאָמענדיישאָן פון דער דיסטריקט קאָמיטע. דורכקוקענדיג די קאָרעספּאָנדענץ וועגען דער קיים, האָט די גריוועַנס קאָמיטע באשלאָסען אָננעהמען די ערשטע רעקאָמענדיישאָן פון דער דאָרטיגער דיסטריקט קאָמיטע און גוטהייסען די האַנדלונג פון דער נאַצ. בענעפיט קאָמיטע.

אַ געוויסער ברענטש פון פּענסילוויניא האָט אַפּעלירט געגען באשלוס פון דער נאַצ. בענעפיט קאָמיטע צוריקצואווייזען די בענעפיט פאַר זייערען אַ מעמבער, ווייל די סטייטמענטס פון דאָקטאָר זיינען צוגעשיקט געוואָרען מיט עטליכע מאָנאַטען שפּעטער נאָך דער קראַנקהייט. דער ברענטש האָט באוויזען, אַז זיי האָבען ניט געקענט אַרויסקריגען אין צייט די סטייטמענטס פון דאָקטאָר און ס'איז ניט געוועזען די שולד פון דעם מעמבער אָדער דעם ברענטש, וואָס די סטייטמענטס האָבען זיך פאַרשפּעטיגט. די גריוועַנס קאָמיטע האָט באשלאָסען די בענעפיט אויסצוצאָהלען.

נאָך דעם ווי פר. וויינבלאַט גיט איבער וועגען נאָך איניגע קייסעס איבער וועלכע זיי איז אויסגעקומען צו האַנדלען אין פאַרלויף פון מאָנאַט, ווערט דער רעפּאָרט פון דער גריוועַנס קאָמיטע גוטגעהייסען.

---

## רעפּאָרט פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע.

פריינד גוסקין, טשערמאַן פון דער. קאָמיטע, באריכטעט, אַז די קיטשען עקסטענשאָן איז שוין פאַרטיג. ס'זיינען אויך צוגעבויט געוואָרען צוויי עקסטרא צימערען. איין צימער פון די צוויי וועט זיין אַלס רעקריאיישאָן רום.

דער נייער אינדזשעניר האָט פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל איהם געבען אַן אַסיסטענט. די קאָמיטע האָט זיך וועגען דעם דורכגערעדט מיט דר. ראָזענבערג, דעם מעדיקאל דירעקטאָר און סופּעראינטענדענט פון סאַניטאַריום, און עס איז באשלאָסען געוואָרען, אַז דער קאַרפּענטער אויף די גראַונדס זאָל איהם אַרויסהעלפען פון צייט צו צייט.

אין סאַניטאַריום זיינען געוועזען זעקס קייסעס פון אינפלוענציא. דיעזע קראַנקע זיינען געהאַלטען געוואָרען אָפּגעזונדערט פון די איבריגע פּאַציענטען.

צוליעב דער עפּידעמיע אויף אינפלוענציא ווערען פאָרלויפיג ניט אַרויסגעגעבען קיין דיספּענסערי קאַרדס. ס'איז אויך באשלאָסען געוואָרען, אַז אין דער צייט פון דער עפּידעמיע זאָלען אַדמישאָן קאַרדס פאַר נייע פּאַציענטען אונטערשריבען ווערען בלויז ביים מיטינג פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע.

מרס. מיללער, די מייטראָן, האָט רעזיגנירט, ווייל זי וויל זיין אין ניו יאָרק צוליעב פאַמיליען־אַנגעלעגענהייטען.

פריינד גוסקין דייטעט אָן, אַז דער דעפיציט אין אויסהאַלטונגס פאָנד קומט פון דעם, וואָס עס זיינען לעצטענס דאָ אין סאַניטאַריום

מעהר פּאַציענטען ווי פאַריגען יאָהר, וואָס לעבענסמיטלען זיינען פּיעל טייערער געוואָרען און וואָס די פּרייז פון אַרבייט איז אין פאַרלויף פון יאָהר פיעל געשטיגען.

ער ערקלערט, אַז ס'איז דאָ אַ סך שוועריגקייטען צו קריגען ביי דער יעצטיגער צייט געניג הילף. באריכט ווערט גוטגעהייסען.

---

## רעפּאָרט פון עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע.

פריינד זאַלצמאַן, וויס־טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז עס ווערען געמאַכט אַלע פאָרבערייטונגען צו ערעפענען די אידישע אַ. ר. שולען אין האַרלעם און וויליאַמסבורג. אין דער האַרלעמער שולע האָבען זיך רעדזשיסטרירט 250 קינדער. די דאָרטיגע סקוהל קאָמיטע האָט גענומען די הויז פון בראַנטש 2 אין האַרלעם און אַלעס ווערט איינגעאָרדענט אויף אַ העכסט מאָדערנעם אופן.

די „פרייע אידישע פאָלקס־ביהנע", בר. 555, העלפט פיעל די אַ. ר. בראַנטשעס מיט ליטעראַרישע און דראַמאַטישע קרעפטען. זיי האָבען אויך געגעבען פיער פאָרשטעלונגען אין דעם שעהנעם טעאַטעריל „די נעיבאָרהוד פּלעיהאוז", און אַלע פאָרשטעלונגען זיינען געווען אַ גרויסער ערפאָלג.

פר. יודיטש איז געווען פאַרטראָטען אין האָבאָקען, נ. דזש., און זיך דורכגערעדט דאָרט מיט דער דיסטריקט קאָמיטע וועגען עדיוקיישאָנאַל אַרבייט. זיי האָבען אַן עדיוקיישאָנאַל פאָנד פון 220 דאָלאַר און ווילען אַראַנזשירען אַ סעריע לעקטשורס. זיי האָבען אויך באַשלאָסען צו טעקסען די מעמבערס מיט פיער סענט פער קוואָרטאַל פאַר פיער קוואָרטאַלען און געברויכען די סומע פאַר עדיוקיישאָנאַל אַרבייט. פר. יודיטש האָט זיי ערקלערט, אַז די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע וועט זיי העלפען אין דער אַרבייט, אויב זיי וועלען זיך ווענדען וועגען דעם.

ער (זאַלצמאַן) איז געווען אין פילאַדעלפיא און געהאַט אַ מיטינג מיט דער סיטי אָרג. קאָמיטע און סאַב־עדיוקיישאָנאַל קאָמיטעס. זיי האָבען באַשלאָסען אַראַנזשירען אַ סעריע לעקטשורס און קאָנצערטען אין איניגע טיילען פון שטאָדט. זיי פּלאַנעווען אויך צו גרינדען אַ אידישע אַ. ר. שוהלע. ער איז אויך געווען אין ווילמינגטאָן און זיך דורכגערעדט מיט דעם סעקרעטער און איניגע מעמבערס פון דאָרטיגען בראַנטש. זיי האָבען אַן עדיוקיישאָנאַל פאָנד פון 500 דאָל. ס'איז באַשטימט געוואָרען, אַז די זעלבע לעקטשורס וואָס וועלען געגעבען ווערען אין פילאַדעלפיא זאָלען אויך אָפּגעהאַלטען ווערען אין ווילמינגטאָן. זיי ווילען אויך גרינדען אַ אידישע אַ. ר. שוהלע און דענקען אַראַנזשירען שטודיום קלאַסען פאַר אַ קלענערע גרופּע מיטגליעדער. עס פעהלען זיי אָבער אָרטיגע קרעפטען דורכצופיהרען אַזאַ ברייטע אַרבייט.

דיעזען סיזאָן וועלען אין ניו יאָרק אַראַנזשירט ווערען איניגע שפּאַציערען און לעקטשורס אין קונסט מוזעאום.

די ניו יאָרק סיטי עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט אויסגעאַרבייט פּלענער, ווי דורך עדיוקיישאָנאַל אַרבייט אויפצולעבען די בראַנטשעס: זי וועט אַראַנזשירען פאַר זיי דיסקוסיאָנען און ליטעראַרישע אָבענדען ביי די מיטינגען.

דער מאַנדאָלין אָרקעסטער פּראָגרעסירט און וועט דאָס ערשטע מאָל אַרויסטרעטען אויף אַ קאָנצערט דעם 9טען נאָוועמבער.

ס'איז געגרינדעט געוואָרען אַ פאַראייניגטע אַרבייטער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע אָנצופיהרען געמיינשאַפטליך די עדיוקיישאָנאַל טעטיגקייט פון דער אָרגאַניזירטער אַרבייטערשאַפט. די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע איז געווען איינע פון די איניציאַטאָרס צו גרינדען די קערפּערשאַפט און האָט באַשלאָסען צו זיין אָנגעשלאָסען אָן דער פאַראייניגטער אַרבייטער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע.

בר. זאַלצמאַן ערקלערט, אַז די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט באַשלאָסען צו דרוקען נאָטען מיט אַרבייטער און פאָלקס־ליעדער, וועלכע וועלען פיעל העלפען די אַרב. רינג און פאַרשיעדענע אַרבייטער כאָרען וואָס זיינען לעצטענס אָרגאַניזירט געוואָרען אין אַ גאַנצע רייהע שטעדט.

נאָך דעם ווי איניגע פונקטען פון באַריכט ווערען דעבאַטירט ווערט דער רעפּאָרט גוטגעהייסען.

---

## רעפּאָרט פון דער אָפיס קאָמיטע.

בר. דייווידזאָן, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז אַ געוויסער ניו־יאָרקער בראַנטש איז שולדיג אַ גרויסען חוב צום אָפיס. דער בראַנטש האָט געבעטען, אַז מען זאָל זיי ערלויבען אויסצאָהלען דעם חוב צו 75 דאָלאַר פער קוואָרטאַל. די אָפיס קאָמיטע האָט באַשטימט זייער פאָרלאַנג צו באַוויליגען.

ס'איז באַשלאָסען געוואָרען, אַז צו אַלע בראַנטשעס, וואָס זיינען שולדיג צום אָפיס מעהר ווי צעהן פּראָצענט פון זייער ביל, זאָלען ספּעציעלע בריעף צו זיי אַרויסגעשיקט ווערען.

די דזשואיש קאָמיטע האָט פאַרלאַנגט געוויסע אינפאָרמיישאָן אין באַצוג אונזערע גערדרעפטעטע מעמבערס. ס'איז באַשלאָסען געוואָרען זיי צו געבען דיעזע אינפאָרמיישאָן.

אין אָווידיטינג דעפּאַרטמענט איז אַנגעשטעלט געוואָרען אַן אוידיטאָר צו אונטערזוכען די בראַנטש ביכער און פאַר אַנדערע אוידיטינג אַרבייט.

פריינד דייווידזאָהן שטעלט זיך דאַן אָפּ אויף איניגע דעטאַלען פון דער אָפיס אַרבייט און דער רעפּאָרט ווערט גוטגעהייסען.

---

עס ווערט פאָרשטאַנען, אַז אויב די נאַצ. אַרבייטער קאָנפערענץ וועט אָפּגעהאַלטען ווערען אין פאַרלויף פון מאָנאַט, זאָל גערופען ווערען אַ ספּעציעל מיטינג פון דער עקזעקוטיוו צו ערוועהלען דעלעגאַטען.

* * *

## ספּעשעל מיטינג.

אַ ספּעשעל מיטינג פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע ווערט ערעפענט דאָנערשטאג אבענד, דעם 14טען נאָוועמבער, פון טשערמאַן, פריינד אב. עפּשטיין.

דער טשערמאַן ערקלערט, אַז דער מיטינג איז גערופען געוואָרען צו ערוועהלען דעלעגאַטען צו דער נאַצ. אַרבייטער קאָנפערענץ, וועלכע ווערט אָפּגעהאַלטען זונטאג, דעם 17טען ד. מ., אין פאָרווערטס האָל.

אַלס דעלעגאַטען ווערען ערוועהלט פריינדע עפּשטיין, באַסקין, צביון, דינערשטיין, וואַלאָס און גערשאָנאָף.

---

פון בר. 74 — בעטען צו שיקען אַ פאַרטרעטער צו זייער יעהרליכען מיטינג, פרייטאג אבענד, דעם 15טען נאָוועמבער. ערוועהלט פר. גערשאָנאָף צו זיין דאָרט פאַרטראָטען.

---

פון פּיפּעלס רעליעף — לאַדען איין צו שיקען דדוי פאַרטרעטער צום דינער, זונטאג דעם 24טען ד. מ., וואו מען וועט זיך דורכרעדען וועגען קעמפּיין פאַר רעליעף. — ערוועהלט פריינדע דינערשטיין, וואַלאָס און גערשאַנאָף.

נייע מעמבערס זאָלען וויעדער אַדיינגענומען ווערען אין אַלע קלאַסען.

יעצט, ווען די מלחמה איז געענדיגט, ווערט באַשטימט צוריקצוציהען דעם באַשלוס אַריינצונעהמען נייע מיטגליעדער בלויז אין 4טען קלאַס. דאָס הייסט נייע מעמבערס ווערען וויעדער אַריינגענומען אין אַלע קלאַסען, אין וועלכע די קאַנדידאַטען שלאָגען זיך פאָר.

עס ווערט אויך באַשלאָסען צו ציהען די אויפמערקזאַמקייט פון אַלע מיטגליעדער, וועלכע זיינען לעצטענס אַריינגעקומען אין קלאַס 4, דאָס זיי האָבען אַ מעגליכקייט זיך צו טראַנספערירען אין אַ העכערען קלאַס אָהן אַ דאָקטאָר עקזאַמיניישאָן, אויב זיי זיינען ווענ יגער פון זעקס מאָנאַטען מעמבערס פון אַרבייטער רינג.

---

עס ווערט באַשלאָסען, אַז די עקזעקוטיוו מיטגליעדער זאָלען פּריוואַט פייערען דעם פריעדען און די דייטשע רעוואָלוציאָן. צו דער פייערונג, וועלכע ווערט באַשטימט פאַר דאָנערשטאג אבענד, דעם 21טען נאָוועמבער, זאָלען אויך איינגעלאַדען ווערען די מעמבערס פון דער ניו יאָרק אָרג. און סיטי עדיוקיישאָנאַל קאָמיטעס.

פּ. געליעבטער,
רעקאָרדינג סעקרעטער.

---

## פּעהלער אויסבעסערונג

אין „פריינד" פון נאָוועמבער", אינ'ם רעפּאָרט פון דער נאַצ. אָרג. קאָמיטע לעזט זיך, אַז בר. זאַלטמאַן איז געווען פאַרטראָטען אין נוּאַרק, עס דאַרף זיך לעזען, אַז ער איז געווען פאַרטראָטען אין פּעטערסאָן.




און בויגען דעם קאָפּ
מיט טרויער צראָפּ,
אין צער, אין טיעפען, אין
שטומען . . .

| געשטאָרבען. | רעזאָל. קאָמ. |
|---|---|
| מילוואָקי דיסטריקט אָרג. קאָמיטע: | |
| מר. בוטין. | א. ראסקין. |
| מרס. בוטין. | א. ראסקין. |
| ברענטש נומער 4: | |
| מרס. פר. סמיטה. | י. הוימאן. |
| מרס. פויגעלסאן. | י. הוימאן. |
| מרס. לעווענטהאל. | י. הוימאן. |

| געשטאָרבען. | רעזאָל. קאָמ. |
|---|---|
| ברענטש נומער 32: | |
| מרס. פויגעל קאגאן. | עקז. באָארד. |
| ברענטש נומער 48: | |
| מיס ליגיע גארבאוו | ס. לוריע. |
| נ. פריעדמאן. | ס. לוריע |
| ה. סאבאוויץ. | ס. לוריע. |

| | | געשטאָרבען | רעזאָל. קאָמיטע |
|---|---|---|---|
| בר. נומ. | 50 | מאקס וואָירד | ה. קראוז |
| " " | 71 | ל. נודעלמאן. | מ. סאפיר. |
| " " | 86 | מרס. לינא מיללער. | ר. בערענשטיין. |
| " " | 96 | דוב שאפירא (סעק.) | מ. לעווין |
| " " | 132 | איזידאָר קרעפּפּ. | ב. קנאָבלער |
| " " | 139 | מרס. סאָפיע רויזענבוים | וו. איינגער. |
| " " | " | פראנק טויטעל | וו. איינגער. |
| " " | 145 | מאקס זוסמאן. | ס. ברעטשניידער |
| " " | 168 | מאריס איזראעל. | י. דיזענד; ט. פיינבערג; ה. סיפעל י. קאלטין. |
| " " | 184 | נ. כּאטס. | ד. סטאהל, ה. סיגעל, י. קאץ. |
| " " | " | מ. מיללער | " " " |
| " " | " | א. ווישניאק | ב. בלאַבער |
| " " | | י. בלאק | " " " |
| " " | " | ל. זאלצמאן | " " " |
| " " | 198 | מרס. גאָלדבערג | ס. באסקין |
| | | עני לעווין, איזידאָר רייקין. | ס. באסקין |
| " " | 227 | לואיס טשערלין. | מאררים בראון |
| " " | 251 | סעם האָפמאן. | ל פאלאק. |
| " " | " | מרס. אייזענשטיין | ל. פאלאק |
| " " | 318 | מר. באביטש | ג. וויינבערג |
| " " | " | מרס. ניימאן. | ג. וויינבערג. |
| " " | 324 | מיס נעלי מאלאך. | י. גערטלער. |
| " " | " | מרס. לינא שטיינבערג. | י. גערטלער. |
| " " | 331 | דר. בנימין ברוידי. | מ. פרידמאן. |
| " " | 358 | ל. באָרענשטיין. | מ. טאהבים. |
| " " | 380 | סעמיועל דייטז. | מ. לעווין. |
| " " | 414 | א. שושאנסקי. | ל. בעלינקאוו. |
| " " | 417 | מרס. גאָלדפאַרב | ה. רידטשארדס. |
| " " | 441 | מיס ראָזע גאָרדאן. | מ. דוואסקין, ה. סיימאנס. |
| " " | 459 | מרס. פ. גאָלדבערג. | בען ווייס |
| " " | 478 | מאיר בריסקין | ב. טשאוואסאוו |
| " " | " | סאפיע בריסקין | ב. טשאוואסאוו |

| | | געשטאָרבען | רעזאָל. קאָמיטע |
|---|---|---|---|
| בר. נומ. | 478 | רחל אגראנאוווסקי | ב. טשאוווסאוו |
| " " | " | דארא זיטש | ב. טשאוווסאוו |
| " " | " |ביילע אראָנאָוו | ב. טשאוווסאוו |
| " " | " | מאקס אראָנאָוו | ב. טשאוווסאוו |
| " " | 547 | מרס. ל. ניסענזאהן | מ. גיטלין |
| " " | 569 | מרס. נחמה באקסער | לעוויטש |
| " " | 573 | לינא ראָמאן | ה. קרעמערמאן |
| " " | 611 | מאָקס ווינער | ב. קאץ |
| " " | 613 | נ. מייסנער (מאיר לאָנדאָן) | פ. גרינפעלד |
| " " | 42 ל. ל.א. | ווישניאק | ב. בלאבער |

* * *

צוליעב דער מגיפה און די פיעלע אונגליקספאַלען, וואָס האָט געטראָפען פיעלע פון אונזערע ברענטשעס קענען מיר נישט אָפּדרוקען די טרויער רעזאָלוציאָנען, ווי מ'האָט זיי אונז צוגעשיקט. עס וואָלט פאַרנומען איבער פ י ע ר ז י י ט ע ן. מיר האָבען דאריבער צוליעב מאַנגעל אין פּלאַץ באשלאָסען צו דרוקען נור די נעמען פון אונזערע געשטאָרבענע און די נומערען פון די ברענטשעס. מיר ערקלעהרען אויסדריקליך, אַז יעדער ברענטש האָט צוגעשיקט פולשטענדיג אויסגעאַרבייטע רעזאָלוציעס, וואו עס איז אויסגעדריקט געוואָרען דער טיעפער טרויער און אויפריכטיגע סימפּאַטיע צו די אונגליקליכע פאַמיליעס.

די רעדאַקציע דריקט דערביי אויס איהר מיטגעפיהל מיט די אַלע געטראָפענע ברענטשעס און זייערע פאַראומגליקטע מיטגליעדער, אויך מיט די יעניגע צעהנדליגער אָ. ר. פאַמיליעס, וועמענס נעמען זיינען דאָ נישט דערמאָנט, און עהרט מיט אַ געבויגענעם קאָפּ זייער אָנדענקען.

זאָל דאָס זיין דער מענשהייטס'ס לעצטער אונגליק!

די רעדאַקציע.

* * *

אין דיעזער צייט, ווען די רייהען ווערען שיטערער און די וואָלקענס קנוילען זיך פון אויבען געדיכטער, זאָלען מיר זיך נאָך מעהר צוטוליען איינע צו די אַנדערע און מיט טרייהייט און ליעבע צעמענטירען **אונזערע שפּאַלטען.**

# פון אונזער קאָרעספּאָנדענץ-טיש

## סיטי קאָמיטע, טאראנטא.

דיענסטאג אָוועגד, דעם 24טען סעפּטעמבער, 1918. אַ פאַרזאַמלונג אָפּגעהאַלטען פון די סיטי קאָמיטע אין פּרץ שול, 194 בעווערלי סטריט. פר. ריביי פאָרזיצענדער.

טאַגעס־אָרדנונג: פּראָטאָקאָל, באריכטען, צושריפטען, וויליאַם טורסטאן בראון אַלגעמיינע רעליעף פאָנד, נישט געענדיגטע און נייע געשעפטען.

באריכטען: בר. 220 באריכטעט, אַז זיי האָבען געטעקסט אַלע מיטגליעדער מיט שערס צום לייבאָר לייסעאום. די אַרבייט ווערט אָבער נישט געטאָן, צוליעב דער שטילקייט וואָס הערשט איגערהאַלב דעם לייבאָר לייסעאום. ווייטער איז אַלץ ביי זיי אין אָרדנונג. דעם קוואַרטאל האָבען זיך געשטראָכען 4 מיטגליעדער, און ער דענקט אַז איינער וועט זיך צוריקקעהרען. נייע מיטגליעדער קומען צו ביסלעכווייז, אַזוי אַז דער ברענטש איז פאָלקאָם צופריעדען.

בר. 293 באריכטעט, אַז די לאַגע זייערע איז נאָך אַלץ נישט צום בעסטען. דעם אומגליק וואָס זיי האָבען מיט זייערע קראַנקע מיטגליעדער איז נאָך אַלין נישט געענדיגט, אונגעאַכטעט אַלע אָנשטרענגונגען וואָס זיי האָבען געמאַכט, זיינען זיי נאָך אַלין אין אַ דעפיציט פון הונדערט מיט פינף און זיבעציג דאָלאר. פאַרשטעהט זיך, אַז דאָס שטערט זעהר פיעל די אַרבייט פון ברענטש. זיי האָבען אַרויסגעשיקט בריעף פאַר הילפע צו אַלע ברענטשעס, אָבער דער רעזולטאַט איז זעהר נישט קיין גוטער. זיי האָבען אין גאַנצען אַריינגעקראָגען אין דעם ערך פון פופציג דאָלאר.

בר. 339 באריכטעט זעהר גוט. אַלע געזונד, זיי טוען פאַרשיעדענע אונטערשטיצונג. זיי האָבען געשיקט 15 דאָל. צום דעבס פאָנד. זיי שטיצען אויך „די פרייע אַרבייטער שטימע“. אַלין אין אָרדנונג.

אַ זעהר נישט גוטער באריכט איז פון בר. 61. דער סעקרעטער באקלאָגט זיך אַז זיי קומען נישט צו קיין פאַרזאַמלונגען, באשליסט די ס. ק. אַז די אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע זאָל זעהן וואָס זי קען טאָן אין אַזאַ אנגעלעגענהייט.

דער סעק. ווערט אינסטרואירט צו שרייבען אַ בריעף צו גענ. ביינברידזש וועגען וויליאם טורסטאן בראון, דערפאַר ווייל די ס. ד. פּ. האָט זיך אונטערגענומען צו אַראַנזשירען פאַר איהם אַ פאַרזאַמלונג, אויב זיי נויטיגען זיך אין אונזער הילפע, וועט די ס. ק. געוויס טאָן. די פראַגע וועגען לייבאָר לייסעאום קומט ווייטער אויפ׳ן טאַגעס־אָרדנונג. פר. פרויהאַרץ זאָגט, אַז אויב עס וועט אַזוי אָנגעהן וועט קיינמאָל נישט זיין קיין לייבאָר לייסעאום. עס איז אַ פראַגע וואָס די דירעקטאָרען אַליין פאַרנאַכלעסיגען זייער אַרבייט. ער זאָגט, אַז עס איז געווען אַ באשלוס אַז דער סעק. זאָל קומען אין פאַרבינדונג מיט די דירעקטאָרען. ער האָט אָבער נישט מיט וועמען צו קומען אין פאַרבינדונג: זיי קומען נישט צו די פאַרזאַמלונגען וואָס ווערען גערופען. באמערקט פר. שטראוס, אַז די דירעקטאָרען קענען גאָרנישט טאָן, ווייל עס איז נישט פּאָפּולער גענוג, און ער שלאָגט פאָר, אַז 1) די מיטגליעדער פון דער ס. ק. אַליין נעמען שערס, במילא 'אָם אַריינפאַלען אין די הענט פון דער סיטי קאָמיטע. די רעדאַציע ווערט אויפגענומען זעהר קאַלט, און אויף דעם אָרט באַדי סיטי קאָמיטע, אַז אַ נייע אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע זאָל ערוו... ווערען און די אויפגאַבע פון זיי דאַרף זיין צו מאַכען פּאָפּולער צווישען די ברענטשעס און שערס זאָלען פאַרקויפט ווערען, און אויף אַזאַ אַרט וועלען מיר האָבען די מאַכט פון אונז אַליין צו ערוועהלען דירעקטאָרען. פאָלגענדע ווערען ערוועהלט אין דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע: פר. קאָהען, פון בר. 339; פר. שלעזינגער, פון בר. 293, און פר. סילווערמאַן, פון בר. 572.

בר. 418 באריכטעט, אַז ביי זיי איז זעהר גוט. זייער צאָהל מיטגליעדער שטעהט היינט 100. זיי האָבען ערוועהלט אַ טיכטיגע קאָמיטע פון ברענטש פאַר׳ן לייבאָר לייסעאום. די קאָמיטע האָט פאַרשפּראָכען צו קריגען אַ הונדערט שערס פאַר׳ן לייבאָר לייסעאום. זיי האָבען שוין 25 דאָלאר איינגאַהמע. זיי האָבען אויך ערוועהלט אַ קאָמיטע, צו מאַכען אַן אונטערזוכונג אויב אַלע מיטגליעדער וועלכע האָבען אַרבייט ביי אַ געוויסער באשעפטיגונג און ס׳זיינען דאָ יוניאָנס צו באלאַנגען זיי דערצו. זיי פיהרען אָן אַ טיכטיגען קאַמפּיין פאַר פרויען מיטגליעדער און אין אַלגעמיין זעהר צופריעדענשטעלענד.

פר. עפּשטיין באריכטעט, אַז ער איז נאָך אַמאָל געווען אין סט. קעטערינס, אויף דעם פאַרלאַנג פון די דאָרטיגע, און עס איז איהם געלונגען צו נעמען צום דאָקטאָר׳ס עקזאַמען אַ מענשען. אַלזאָ, די אַרבייט איז אין פּראָגרעס.

פר. שטראוס נעמט דאָס וואָרט צום וואָהל אַם בעסטען, וועגען די טשעקס וואָס דער דזשענעראל אָפיס שיקט צוריק, און ער שטעלט אַ פראַגע, וואו וועלען די ברענטשעס נעמען די געלד צו צאָהלען דעם אונטערשיעד? ווערט דער סעק. אינסטרואירט צו קאָרעספּאָנדירען מיט דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו, פיליייכט קענען זיי געפינען אַ מיטעל וועגען דעם.

מיט דעם איז די פאַרזאַמלונג צו ענדע.

ס. עפּשטיין, סעק.

---

## רעפּאָרט פון דעם טעריטאָריעל קאָנפערענץ איז ווירדזשיניא.

טעריטאָריעל קאָנפערענץ אָפּגעהאַלטען דעם 18טען אויגוסט אין ריטשמאָנד. פריינד וו. ראָזען, דירעקטאָר פון דער נײשאָנאל באָארד פאַר ווירדזשיניא, ווערט איינשטימיג ערוועהלט אַלס טשערמאַן.

עס זיינען פאַרטראָטען 7 ברענטשעס מיט 2 דעלעגאַטען פון יעדען ברענטש. דער סעקרעטער פון דיסטריקט קאָמיטע, פריינד לעזנער, רעפּאָרטעט, דאָס דער צושטאַנד אין וועלכען די דיסטריקט קאָמיטע האָט זיך געפונען איז געווען אַזאַ, דאָס עס האָט איהם אונמעגליך געמאַכט אויסצואַרבייטען אַן אַלגעמיינעס רעפּאָרט. ער רעקאָמענדירט דעריבער, עס זאָלען אויפגענומען ווערען רעפּאָרטס פון יעדען ברענטש באזונדער. די רעקאָמענדיישאָן ווערט אָנגענומען און פריינד לעזנער, פון בר. 120, רעפּאָרטעט: זיי האָבען אַ מעמבערשיפּ פון 120, זיי טוען פיעל גוטע אַרבייט, העלפען דעם $10,000 דאלאר פאָנד. זיי נעמען ניט אַריין קיין פיעל מעמבערס, ווייל ס׳איז אין ריטשמאָנט ניטאָ דער קוואַל פון וואַנען זיי צו נעמען.

פריינד זאַסלאַווסקי, פון בר. 536, ריטשמאנד, רעפּאָרטעט: זיי האָבען אַ מעמבערשיפּ פון 36, העלפען די מלחמה קרבנות, טוען עדיוקיישאָנאל אַרבייט וויפיעל נור זיי קענען און האָפען אין דער צוקונפט זייער ברענטש צו פאַרשטאַרקען און טאָן נאָך בעסערע אַרבייט.

פריינדין וואַסערשטיין, פון בר. 591 (לײדיס ברענטש), רעפּאָרטעט, דאָס נאָך אַלע ענטוישונגען וואָס זיי האָבען געהאַט שטעהען זיי נאָך מיט אַ מעמבערשיפּ פון 25 און טוען פיעלע גוטע געזעלשאַפטליכע אַרבייט און אַפּעלירט צו די דיסטריקט קאָמיטעס זיי צו העלפען אַריינגעמען מעהר מעמבערס.

פריינד נאַגעל רעפּאָרטעט פאַר בר. 212 פון נאָרפאָלק: זיי האָבען אַ מעמבערשיפּ פון 140, זיי פערמעגען אַרום 700 דאלאר, האָבען געטאָן ערפאָלגרייכע אַרבייט פאַר די מלחמה קרבנות. זיי וועלען אין קורצען פייערען זייער 10־יעהריגען יובילעאום מיט פּראַכט און גלאַנץ און וועלען ביי דער געלעגענהייט איבעררAשען דאָס גאַנצע לאַנד מיט אַ גוטער טאַט, וואָס זיי גרייטען צו.

פר. בערסאָן רעפּאָרטעט פאַר בר. 313 פון פּאָרטסמוטה: זיי האָבען אַ מעמבערשיפּ פון 55. צוליעב די יעצטיגע אומשטענדען איז די אַרבייט זעהר שוואַך. דער ברענטש שטעהט אָבער אויף אַ גוטען פונדאַמענט און האָפען אין דער צוקונפט צו טאָן גוטע אַרבייט.

פאַר בר. 513 פון נאָרפאָלק רעפּאָרטעט פריינד דייוויס: זיי האָבען אימער גוט־באזוכטע מיטינגען, נעמען אַריין נייע מעמבערס. זיי האָבען שוין אַרום 100 מעמבערס. האָבען געהאַט איניגע ערפאָלגרייכע אונטערנעהמונגען און האָבען געשאַפען אַרום 400 דאלאר פאַר די מלחמה קרבנות.

פר. ראָזען רעפּאָרטעט פאַר בר. 365 פון ניופּאָרט ניוס: זיי האָבען אַ מעמבערשיפּ פון 25, האָבען זעהר ווייניג טעטיגע מעמבערס. די דיסטריקט קאָמיטע פון נאָרפאָלק האָט פאַר זיי פיעל געטאָן. דער לעקטשור מיט גענ. ב. וולאַדעק איז געווען אַ גרויסער ערפאָלג און זיי האָבען אַריינגענומען איניגע נייע מעמבערס

עס ווערט אויפגענומען די פראַגע וועגען דער טעטיגקייט פון דער ד. ק. עס איז די אַלגעמיינע מיינונג, אַז די לעצטע ד. ק. האָט ניט געהאַט קיין ערפאָלג. פריינד נאַגעל, פון בר. 212, גלויבט, אַז די אורזאַכע דערפון איז ווייל ס'איז איין ד. ק. פאַר'ן גאַנצען סטייט, און ריטשמאָנד איז צו ווייט פון די איבריגע שטעדט, וועלכע שטעהען גרופּירט נאָהענט איינע צו די אַנדערע. עס ווערט דארום באשלאָסען, אַז דער אָפיס פון די ד. ק. זאָל אויך ווייטער זיין אין נאָרפאָלק, וועלכע קען ליכט זיין פאַרבונדען מיט פּאָרטסמוטה און ניופּאָרט ניוס; און ריטשמאָנד זאָל האָבען אַ באזונדערע סיטי קאָמיטע, וועלכע זאָלען זיין פאַרבונדען דורך זייערע סעקרעטערע. עס ווערט אויך באשלאָסען, אַז די עקספּענסעס פון דער טעריטאָריעל קאָנפערענץ זאָלען צוטיילט ווערען אויף אַלע ברענטשעס פער קעפּיטא.

אין דער סיטי קאָמיטע פאַר ריטשמאָנד ווערען ערוועהלט די פאָלגענדע: פון בר. 120, א. גאָלדשטיין, וו. לעזנער און א. טורעצקי; פון בר. 536, ב, זאַסלאַווסקי און זש. גראָסמאַן, און פון ליידיס בר. 591, ס. קאָזלאָוו, מ. וואַסערשטיין און מ. לעצנער.

פאַר די ד. ק. אין נאָרפאָלק ווערען ערוועהלט: פון בר. 212, וו. ראָזען, נאַגעל און רייכעלסאָן; פון בר. 313, פּאָרטסמוט, מ. מאָסכ, מ. דובאָוו און ר. גאָלדבלאַט; פון בר. 513, נאָרפאָלק, פר. קאָפּסק, מ. קאָהן און ט. דייוויס; פון בר. 365, ניופּאָרט ניוס, אַראָנאָוו, שניידער און א. בראַנשטיין.

דערמיט ווערט דער טעריטאָריעל קאָנפערענץ געשלאָסען.

וו. ראָזען, סעק. פון קאָנפערענץ. דורך מ. דובאָוו.

## א קלאָוולאַנד יעהרליכער דיסטריקט קאָנפערענץ בעריכט.

דער יעהרליכער דיסטריקט קאָנפערענץ צו ערוועהלען אַ נייע סיטי און דיסטריקט אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע א. ר. ווערט אָפּגעהאַלטען זונטאג נ. מ. דעם 6טען אָקטאָבער 1918 אין סאָצ. לייבאָר לייסעאום, קליוולאַנד.

דיסטריקט סעק., פר, דזשאספער, ערעפענט דעם קאָנפערענץ מיט אַן ערקלערונג ווארום עס איז דיעזען יאָהר צו שפּעט אַרויסגעקומען דער קאָנפערענץ. ער נעהמט דאַן פאָר נאָמיניישאָן און וואַהל פאַר טשערמאַן און פר. רעזניק, פון בר. 463, ווערט ערוועהלט.

דער טשערמאַן ערעפענט נאָמיניישאַן און וואַהל פאַר סעק. און פר. דזשאספער, פון בר. 463, ווערט ערוועהלט.

בר. 79 איז פאַרטראָטען דורך די פר. גימפּלין און גאָלדבערג; בר. 390, איריע, פּא., איז פאַרטראָטען דורך פר. לעפקאָוויטץ; בר. 430 איז פאַרטראָטען דורך די פר. גאָלדמאַן און לעווין; בר. 463 — דורך דזשאספער, רעזניק און מאָרגענשטערען.

די ברענטשעס 46 און 414, יאָנגסטאָן, 229, איסט ליווערפּאָל, 453, קענטאָן, און 587, עקראָן, זיינען ניט פאַרטראָטען.

פּראָטאָקאָל פון לעצטען יעהרליכען דיסטריקט קאָנפערענץ פאָרגעלעזען און גוטגעהייסען.

עס ווערט פאָרגענומען די ערוועהלונג פון אַ נייע דיסטריקט קאָמיטע. אַלע אנוועזענדע דעלעגאַטען שפּרעכען זיך אויס וויליג צו פאַרבלייבען אין דער דיסטריקט קאָמיטע און אַרבייטען פאַר די אינטערעסען פון אַרב. רינג, אויסער פר. מאָרגענשטערן, וועלכער קען ניט אַטענדען יעדען מיטינג פון דער קאָמיטע. דאַמיט ווערן זיי ערקלערט אַלס די דיסטריקט קאָמיטע פאַר דעם נעקסטען יאָהר.

פר. מאָרגענשטערן גיט אַ קורצע איינלייטונג וועגען עדיוקיישאַן און נאָך אַ קורצער דעבאַטע ווערט באַשלאָסען דאָס די דיסטריקט קאָמיטע זאָל האָבען אויפ'ן טאַגעס־אָרדנונג און אַלס אַ הויפּט־אויפגאַבע עדיוקיישאָן און טרייען ווי ווייט מעגליך דורצופיהרען ליטעראַרישע אָבענדען אין די ברענטשעס.

פר. מאָרגענשטערן גיט אויך אַן איינלייטונג וועגען אידישע שוהלען און נאָך אַ לענגערער דעבאַטע ווערט אָנגענומען פאָלגענדע רעזאָלוציאָן:

נעהמענדיג אין אנבאטראַכט דעם באשלוס פון לעצטער קאָנווענשאָן פון אַרב. רינג וועגען די גרינדונג פון אַ. ר. אידישע שוהלען און נעהמענדיג אין אנבאטראַכט דעם גרויסען פאָרלאַנג פון קליוולאַנד און אומגעגענד פאַר די גרינדונג פון אַזעלכע, פאָדערט אויף דער הייוולענדער יעהרליכער דיסטריקט קאָנפערענץ די ניי־ערוועהלטע דיסטריקט קאָמיטע צו שטעלען זיך אין פאַרבינדונג מיט דער נאַצ. עדיוקיישאָנאַל קאָמ. און צוטרעטען צו דער אַרבייט צו עפענען אַזעלכע שוהלען אין קליוולאַנד און דיסטריקט

עס ווערט באַריכטעט פון בר. 79, דאָס זיי גיבען אַרוים גרויסע סומען אין שטיצע פאַר לאָקאַלע און געזעלשאַפטליכע צוועקען, וועלכע באַטרעפט געגוּיע 1000 דאלאר יעהרליך.

בר. 390, איריע: אַרבייטען צוזאַמען מיט דעם בר. ס. פּ., וועלכען זיי האָבען געגרינדעט. זיי האָבען געשאַפען 150 דאלאר דורך אַ פּיקניק פאַר'ן מיליאָן דאָלאַר פאָנד. זיי האָבען אויך געשאַפען גענוי אַזוי פיעל פאַר דער פאַמיליע פון אַ גע'הרג'עטען מיטגליעד.

בר. 430: זיי האָבען לעצטענס זעהר שוואַך־באזוכטע מיטינגען. וואָס אנבעלאַנגט שטיצע צו מיטגליעדער, ווי אויך פאַר אַנדערע צוועקען, זיי זיין פּראָפּאָרציאָנעל ניט הינטערשטעליג פון מאַנכע גרויסע ברענטשעס.

בר. 463: זיי האָבען זיך פאַראייניגט מיט בר. 375. זיי פּראָגרעסירען אין מעמבערשיפּ כמעט ביי יעדען מיטינג. זייערע צוויי מיטגליעדער זיינען בעעהרט געוואָרען מיט פאונטען־פּענס פון דער נאַצ. אָרג. קאָמ. פאַר אויסצייכנען זיך ביים לעצטען מעמבערשיפּ קאמפּיין. זיי האָפען זיך אויסצייכנען אויף דיעזען געביעט אויך אין דיעזען קאמפּיין.

וועגען מעמבערשיפּ קאמפּיין האָט דער קאָנפערענץ קיין שטעלונג ניט גענומען. עס ווערט אָבער פאַרשטאַנען דאָס די דיסטריקט קאָמיטע זאָל עס האָבען אויפן טאַגעס־אָרדנונג און פאַרהאַנדלען ביי איהרע נעקסטע מיטינגען.

וועגען דעם מיליאָן דאלאר פאָנד קאמפּיין באשליסט דער קאָנפערענץ דאָס דער סעק. זאָל אַרויסשיקען די סובסקריפּשאָנס צו אַלע ברענטשעס פון דיסטריקט.

עס ווערט אויפגענומען די פראַגע וועגען די פערטעל יעהרליכע דיסטריקט צוזאַמענפאָהרען, וועלכע פלעגען געהאַלטען ווערען יעדען מאָל אין אַנאַנדער שטאָדט. סעק. פר. דזשאספער ערקלערט דעם פאַקט דאָס בר. 229, איסט ליווערפּול, איז נאָך קיינמאָל ניט געווען פאַרטראָטען צו אַ קאָנפערענץ אָדער דיסטריקט צוזאַמענפאָהר. זיי ענטפערען אפילו ניט אויף אַלע איינלאַדונגען, וועלכע איז זיי געשיקט געוואָרען פאַר די לעצטע איניגע יאָהר. ער רעקאָמענדירט דארום דאָס דער נעקסטער פערטעל יעהרליכער צוזאַמענפאָהר זאָל פאַררופען ווערען אין איסט ליווערפּול, אום פיליכט עטוואָס אויפצולעבען דיעזען ברענטש. די פראַגע ווערט איבערגעגעבען צו דער דיסטריקט קאָמיטע פאַר פאַרהאַנדלונג.

עס ווערט פאָרגענומען נאָמיניישאַן און וואַהל פאַר אַ דיסטריקט סעקרעטער. דער קאָנפערענץ פאַרלאַנגט דאָס פר. דזשאספער זאָל אַטענדען אויך אויף ווייטער. עס נעהמט עס אָן צייטוויליג מיט דעם פאַרשפּרעכען, אַז אויב די קאָמיטע וועט זיך אַרויסצייגען טעטיג, איז ער צופריעדען צו זיין דיסטריקט סעקרעטער, אַזוי ווי אין די לעצטע יאָהרען. דאַמיט ווערט דער מיטינג געשלאָסען.

לואיס מ. דזשאספיר, סעקרעטער.

## מעין סטייט קאָנפערענץ.

אַ קאָנפערענץ פון די אַרבייטער רינג ברענטשעס איז אָפּגעהאַלטע געוואָרען דעם 18טען אויגוסט, 1918, אין סאקא אן בידדעפאָרד, מעין דער צוועק פון קאָנפערענץ איז געווען צו ערוועהלען אַ דיסטריק קאָמיטע פאַר דעם יאָהר 1918—1919 און אויך צו נאָמינירען דעלעגאַטען פאַר דער ניישאָנאַל באָארד, און דער ערוועהלטער זאָ ענדיגען דעם טערמין פון פר. קינבערין, וועלכער האָט רעזיגנירט אַלס טשערמאַן ווערט נאָמינירט פר. ה. בין, פון בר. 358, און אַל סעקרעטער, פר. ם. שיימאַן, דעלעגאַט פון בר. 524, אַ קרעדענשעל קאָמיטע פון די פריינדע: מ. שאַטט, בר. 524; ה. דיי, בר. 350, או ארענשטיין, בר. 282, ווערען ערוועהלט. ביים קאָנפערענץ זיינען פאַ טראָטען 7 ברענטשעס דורך פאָלגענדע דעלעגאַטען: בר. 358, דוו ה. בין און ה. דיי; בר. 521, מ. שאַטט, ס. שולמאַן; בר. 546, ... קאָהן, א. ארענשטיין; בר. 71, ה. דזשאזיק, ל נודעלמאַן; בר. 317 מ. וויסבערג; בר. 282, מ. סעלצער; בר. 558, מ. אלפּערט.

פר. אב. עפּשטיין, טשערמאַן פון אָרדען און פאַרטרעטער פון דע נאַצ. עקז. קאָמ., ווערט פון אַלע אנוועזענדע מיט באגייסטערונג אויפ גענומען. אין אַ האַרצפולער רעדע ערקלערט ער די וויכטיגקייט או יעצטיגען מאָמענט אַנצוהאַלטען די גאַנצקייט פון אַרבייטער רינג און אַלע געביעטען און מיר זאָלען דערגרייכען אַ מעמבערשיפּ פון זיבעציג טויזענד. ער אַפּעלירט דאָס מיר זאָלען זיך באטייליגען און שאַפען דעם מיליאָן דאלאר פאָנד פאַר דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. ער ... ווערט וועגען אידישע סאָציאַליסטישע שולען, די ענטוויקלונג פון

אונזער יוגענד אין אידיש, וועגען די וויכטיגקייט צו שטיצען די מלחמה קרבנות.

פר. עפשטיין האָט אויך געענטפערט איינעם, וועלכער איז נישט קיין דעלעגאַט, אָבער וועלכער האָט אויפגעוואָרפען אייניגע דעלעגאַטען, ווארום זיי זיינען געוואָרען פועלי־ציון מיטגליעדער. פר. עפשטיין האָט אויף דעם געזאָגט: דער אַרבייטער רינג איז שטאַרק און מעכטיג נאָר דערפאַר, ווייל ער איז נישט קיין קלויזעל. דער אַ. ר. נעהמט אַריין מענשען פון אַלע שאַטירונגען, איינער קען גלויבען אין פּאָליטישען קאַמפּף און אַ צווייטער קען נישט גלויבען אין פּאָליטישען קאַמפּף, איינער איז אַן אַנאַרכיסט און אַ צווייטער אַ ציוניסט. דאָס טאָר און דאַרף אונז נישט שטערען צו אַרבייטען האַנד אין האַנד פאַר דעם אַרבייטער רינג.

פריינד עפשטיין'ס גלענצענדע רעדע איז באגייסטערט אויפגענומען געוואָרען פון אַלע אנוועזענדע. מען הויבט זיך אויף, אויפ'ן פאָרשלאַג פון טשערמאַן, צו עהרען דעם פאַרשטאָרבענעם גענ. פלעכאַנאָף.

רעפּאָרטס פון די ברענטשעס: פר. שאַטט, פון בר. 524, רעפּאָרטעט: זיי טוען גוטע אַרבייט אויף יעדען געביעט און ספּעציעל צייכענען זיי זיך אויס אויף דעם געביעט פון שאַפען געלדער פאַר די מלחמה קרבנות, טראָץ דעם וואָס די אידישע באפעלקערונג איז דאָרט זעהר אַ קליינע. זיי האָבען אויך געגעבען אַ שעהנעם זיי־געזונד צו די געדרעפטעטע מעמבערס. אויך רעפּאָרטעט ער, אַז זיי האָבען פאַרלאָרען 2 טיכטיגע מיטגליעדער: ס. שולמאַן, וועלכער איז דער'הרג'עט געוואָרען אין אַ שיפּ־יאַרד ביי דער אַרבייט, און ס. קאַטס, מיט אַ נאַטירליכען טויט. דער קאָנפערענץ עהרט זייער אנדענקען דורך אויפהויבען זיך פון די סיטס. פריינד גודעלמאַן, דעלעגאַט פון בר. 61, סאקא און בידדעפּאָרד, רעפּאָרטעט: זייער ברענטש טוט גלענצענדע־אַרבייט. זיי איז געלונגען אַריינצונעהמען יעדען אידען פון שטעדטעל, אויסער די וואָס זיינען איבער 40 יאָהר אַלט. זיי טוען גוטע אַרבייט אויף יעדען געביעט און ספּעציעל פאַר די מלחמה־קרבנות. ער פאַרזיכערט אַז אויף יעדען רוף פון דער דזש. עקז. וועלען זיי זיך אָברופען אַזוי וואַרים ווי ביז יעצט.

פריינד מ. אלפערט, דעלעגאַט פון בר. 558, ביינגאר, רעפּאָרטעט, אַז אונטער די אומשטענדען טוען זיי גוטע אַרבייט אויף יעדען געביעט און אויך ספּעציעל צו שאַפען געלדער פאַר די מלחמה־קרבנות. אַ שעהנער „גוד ביי" איז געגעבען געוואָרען צו די געדרעפטעטע מעמבערס. ער דויטעט אָן אַז עס איז דאָרטען דאָ אַ ברייט פעלד פאַר אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבייט, ווען די דיסטריקט קאָמיטע זאָל שענקען מעהר אויפמערקזאַמקייט צו זייער ברענטש.

פריינד ארענשטיין און קאָהן, פון ברענטש 546, באטה, מעין, רעפּאָרטען: אין דיעזער שטעדטעל איז דאָ אַ גרויסע צאָהל אַרבייטער, ווייל די שיף־בוי אינדוסטריע איז דאָרט זעהר גרויס, און ווען די דיסטריקט קאָמיטע, אָדער בעסער געזאָגט, איהר סעקרעטער, וואָלט געשפּיעלט וויניגער פּאָליטיק און גענומען מעהר אין אנבאַטראַכט זייער ברענטש, וואָלטען זיי חיינט צו טאָג געווען אַ שטאַרקערער ברענטש. זיי האָפען אַז די נייע דיסטריקט קאָמיטע וועט זיך מיט זיי מעהר פאַראינטערעסירען ווי געווען. זיי צייגען אָן, אַז זיי טוען גוטע אַרבייט אויף יעדען געביעט. זיי דויטען אָן אויף דער פריינדליכקייט, וואָס עס עקזיסטירט אין די אַ. ר. ברענטשעס און ערקלערען אַז דערפאַר אַליין דאַרפען מיר שטאָלץ זיין מיט'ן אַ. ר. ביי זיי אין שטעדטעל איז גע'הרג'עט געוואָרען אַן אַ. ר. מעמבער פון אַנאַנדער שטאָדט און דאָך האָט דער בר. 546 געשאַפען אַ סומע פון 50 דאלאר פאַר דער אלמנה מיט די קינדער.

דער רעפּאָרט ווערט מיט גרויס צופריעדענהייט אָנגענומען.

פריינד דזש. שאהר, טשערמאַן פון בר. 317, פּאָרטלאנד, באריכטעט: נישט קוקענדיג וואָס דער דעלעגאַט פון בר. 317 האָט זיך צוריקגעצויגען, וועט ער איבערגעבען פון'זיין ברענטש 317. ער האָט אימער געטאָן און טוט יעצט אויך גוטע אַרבייט, נעהמט אַריין מעמבערס, שטיצט מעמבערס, האָט געגעבען אַ שעהנעם „זיי געזונד" און אויך פּרעזענטען צו די 14 מעמבערס וועלכע זיינען געדרעפטעט געוואָרען. ער רעפּאָרטעט דאָס בר. 317 האָט פאַרלאָרען איין מעמבערקע, מרס. וויים. די אנוועזענדע ביים קאָנפערענץ עהרען איהר אנדענקען.

פריינד שאהר, סעק. פון דער דיסט. קאָמיטע, לעזט די פּראָטאָקאָלען און צושריפטען צו דער דיסט. קאָמ. און רעפּאָרטעט פון זייער טעטיגקייט. פון דעם גאַנצען רעפּאָרט קען מען נישט אַרויסנעמען עטוואָס וועלכעס עס זאָל צייגען דאָס עס איז געפּרואווט געוואָרען צו באפעסטיגען די ברענטשעס, און לויט דער ערקלערונג פון די דעלעגאַטען איז דאָס דערפאַר וואָס דער סעק. פון דער דיסט. קאָמ. האָט אנשטאַט צו אַרבייטען האַרמאָניש מיט דער סאָב־קאָמ. האָט ער גאָר מיט זיי כסדר זיך אַרומגעריסען און אימער איגנאָרירט זייערע באַשליסע. ער איז נישט געשטאַנען איז פריינדליכע באציהונגען מיט די מיטגליעדער איבער'ן סטייט, און די שטעלונג פון סעק. האָבען מיר צו פאַרדאַנקען דעם דורכפאַל איבער'ן סטייט מיט גענ. גורעוויטש'ס לעקטשורס. די ניט־פריינדליכע באציהונגען צווישען דעם סעק. און דער סאָב.־קאָמ. איז געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ביים לעצטען מיטינג פאַר'ן קאָנפערענץ האָט די סאָב־קאָמיטע און דיסט. קאָמיטע נישט געקענט ערוועהלען אַ דעלעגאַט צום קאָנפערענץ און די דיסט. קאָמ. האָט נישט געהאַט קיין פאַרטרעטערשאַפט צו דיעזען קאָנפערנץ.

פאָלגענדע ווערען ערוועהלט צו דער נייער דיסטריקט קאָמיטע: מאקס קאָהען, בר. 546; לואיס גודעלמאַן, בר. 71, טרעזשורער; מאררים אלפערט, בר. 558; העררי ביהן, בר. 558, טשערמאַן פון דיסט קאָמ.; סאול שולמאַן, דעלעגאַט בר. 524, סעק. פון דיסט. קאָמ.

די בעאַמטע פון דיסט. קאָמ. ווערען ערוועהלט אַלס די סאָב־קאָמ., וועלכע זאָל טאָן די רוטינע אַרבייט.

דער קאָנפערענץ נעהמט אויך אָן אַ באשלוס אויפצופאָדערען די פעדעראַלע רעגיערונג, אַז די קיים פון טאם מוני זאָל איבערגענומען ווערען פון סטייט קאליפאָרניא און זאָל איבערגעהן צו די פעדעראל קאָורט.

## באריכט פון ברענטש 184

פאַר דער גאַנצער צייט, וואָס דער אַ. ר. עקזיסטירט אין האַרטפאָרד, איז נאָך קיינמאָל נישט באריכטעט געוואָרען פון אונזער טעטיגקייט. ביי אונז אין ברענטש איז אַלץ ווי געוועהנליך: מעמבערס, וועלכע אינטערעסירען זיך מיט דעם אַ. ר., קומען צו מיטינגען, אָבוואָהל עס וואָלטען געמעגט זיין מעהר באזוכטע מיטינגען. מיר האָבען באַשלאָסען אָנצופיהרען אַ קאמפּיין פאַר נייע מעמבערס, אַז אונזער מעמבערשיפּ זאָל דערגרייכען 250 ביז דער קאָנווענשאָן, און מיר גיבען 3 פּרעזענטען צו די יעניגע וואָס וועלען פאָרשלאָגען די מעהרסטע מעמבערס. מיר האָפען אַז די מעמבערס וועלען טאָן זייער פליכט. מיר האָבען געשטיצט דעם קאמפּיין פון מיליאָן דאלאר פאָנד מיט 25 דאל; מיר נעהמען אויך אַ גרויסען אנטייל אין דער אַ. ר. קאָאָפּעראַטיווע בעקעריי, וועלכע מיר האָבען שוין געשטיצט מיט 500 דאל. דעם לייבאָר ליסעאום האָבען מיר געשטיצט מיט 100 דאל פון טרעזשורי, חוץ דעם וואָס די מעמבערס האָבען געגעבען אָרום 5000 דאל. די גאַנצע מעמבערשיפּ ווערט געטעקסט יעדען יאָהר פאַר עדיוקיישאָנאל אַרבייט. אין אלגעמיין איז ברענטש 184 אין האַרטפאָרד טעטיג אויף יעדען געביעט. מיר רופען זיך אָפּ וואַרעם אויף יעדער צושריפט פון דער נאַצ. עקז. און ס. פּ.

ר. סטאהל, סעקרעטער.

# בריעף־קאַסטען

ל. ליווראנט, קאָלטשעסטער: מיר ווייסען ווירקליך נישט מיט וואָס זיך פריהער צו פרעהען: מיט די סאָציאַליסטישע רעפּובליקען אין צענטראַל איוראָפּא, אָדער מיט די 6 סאָציאַליסטישע שטימען אין קאָלטשעסטער. מיר ווילען אָסור צושלאָגען אייער אָפּטימיזם און מיר ווילען האָפען, אַז נעקסטען מאָל וועט קאָלטשעסטער געבען צעהן מאָל אַזוי פיעל ווי איהר האָפּט.

וו. ב—ף, סט. פּאול: לידער, אונדרוקבאַר.

בר. 228, בינגהאמפּטאָן: אייער רעזאָלוציאָן איז אונטער די יעצטיגע צענזור־באדינגונגען אונמעגליך צו דרוקען. דערלעבט צייטען! אָבער וואָס זיינען מיר שולדיג?,

וויליאַם ג., בר. 80: „דער שרעקליכער ווינטער" איז אונדרוקבאַר. „אַ אידישע מיידעלע" קען ווערען בעאַרבייטעט, אָבער עס איז אַזוי עהנליך שטעלענווייז צו אַ ליעד פון אַ באקאַנטען אידישען פּאָעט, אַז יענער קען טענה'ן, אַז איהר מאַכט איהם נאָך, אָדער איהר באָרגט ביי איהם. צו וואָס דאַרפט איהר עס?

לואיס סילווער, דעטראָיט: קאָרעספּאָנדענץ אין נעקסטען נומער.

סעם ראַזפּאלאק, סט. דזשאָזעף: איהר האָט אַדרעסירט די רעזאָלוציע קיין פּאסיק, נו איז זיך עס דאָרטען אָפּגעלעגען ביז יעצט. ווייסט איהר נישט דעם אַדרעס פון דזשענעראל אָפיס? עס וועט ליידער ערשט קענען אַריין אין דזשענוארי נומער.

מ. בוטה, גלענס־פאָלס: לידער אונדרוקבאַר צוליעב דער פאָרמע און אונגעניטקייט. עס זיינען דאָרטען גראַדע דאָ עטליכע טיעף אדורכגעפיהלטע געדאַנקען, אָבער נישט גענוג בעאַרבייט.